רודאָלף ראָקער

# אין שטורעם

(גלות־יאָרן)

מיט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן ראָקערן פון

דר. הערמאַן פראַנק

פון דייטש: י. בירנבוים

אַרויסגעבער:

לאָנדאָנער גרופּע „פרייע אַרבעטערשטימע״

1952

## אַ וואָרט פון דער לאָנדאָנער גרופע „פרייע אַרבעטער־שטימע" צום אַרויסגעבן אונדזער פריינט רודאָלף ראָקערס בוך „אין שטורעם"

די דעראינערונגען, וועלכע ראָקער פאָרצייכנט דאָ אין זיין בוך, דערמאָנונגען פון זיין לעבן און טעטיקייט אין ענגלאַנד, וועלן זיכער אויפסניי ביי אַ סך יידישע אַרבעטער דאָ אין ענגלאַנד, און אויף דער גאַנצער וועלט, וווּ נאָר זיי געפינען זיך, אַרויסרופן זיכרונות פון די יונגע יאָרן זייערע, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט מיטן מחבר. זיי וועלן זיך דערמאָנען אין די גרויסע פאַרזאַמלונגען און אין דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג, וואָס האָט דעמאָלסט באַהערשט די יידישע אַרבעטערבאַוועגונג; ס׳וועט אַרויפשווימען אין זייער זיכרון דער קאַמף, וואָס איז דעמאָלסט אָנגעפירט געוואָרן פון אונדזערע חברים קעגן דעם „סוועטסיסטעם" ביי דער אַרבעט, וואָס האָט געוועלטיקט אין די וועסט־קשטאָטן; דער קאַמף קעגן דער אוממענטשלעכער באַהאַנדלונג פון די אַרבעטער און די אַגיטאַציע פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען; זיי וועלן זיך דערמאָנען אין ראָקערס גייסטרייכע רעפעראַטן יעדן פרייטיק־צו־נאכטס און אין זיין האַרציק־פריינטלעכער באַציונג צו יעדן, מיט וועמען ער איז געקומען אין באַרירונג.

דעריבער דריקן מיר אויס אונדזער האַרציקן דאַנק דעם חבר ראָקער פאַרן פאַרצייכענען די־דאָזיקע זיכרונות פון אַ וויכטיקן פעריאָד אין אונדזער לעבן, זיכרונות, וועלכע וועלן זיכער אַרויסרופן פרייד ביי אַלע, וועלכע וועלן לייענען אָט־דאָס בוך.

מיר דריקן אויך אויס אונדזער דאַנק דעם חבר י. בירנבוים פאַר זיין וווּנדערבאַרער איבערזעצונג און פאַר זיין שווערער אַרבעט ביים אָפּהיטן דאָס ווערק בעתן דרוקן עס.

מיר דאַנקען אויך די חברים פון אַרגענטינע פאַר דער איבערגעגעבענער הילף, וואָס זיי האָבן געגעבן ביים אַרויסגעבן דאָס ווערק.

גרופע „פרייע אַרבעטער־שטימע"

לאָנדאָן, אָקטאָבער 1951.

## אייניקע ווערטער פונעם איבערזעצער

דער מאָטיוו דערפון, וואָס צו דער איבערזעצונג פון ראָקערס „נאַציאָנאַליזם און קולטור" האָב איך נישט אָנגעשריבן קיין שום באַמערקונג און צו אָט־די זיכרונות טו איך עס יאָ, ליגט אין דער פאַרשידנדיקייט פון די־דאָזיקע צוויי ווערק. איך האָב ביי דער איבערזעצונג פונעם ערשטן פון אָט־די ווערק געהאַט חייניקער שפּראַך־פּראָבלעמען ווי ביים צווייטן, נישט בעקוקט דעריויף, וואָס יענץ ווערק איז אַ גרויספאַרנעמיקס און באַציט זיך צו אַלע עיקרדיקע עינינים פון די פאַרגאַנגענע און היינטצייטיקע עפּאָכעס, בעת דאָס צווייטע איז נוגע זיכרונות פון אַ באַשטימטער נישט לאַנגסטיקער תקופה און אירע פּאַסירונגען, הגם אויך אין אים איז דאָ פּלאַץ פאַר אַלערליי טעאָרעטישע און סאָציאַלע אָפּהאַנדלונגען, פאַרגלייכענישן און אויספירן. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס בעת ביי „נאַציאָנאַליזם און קולטור" קומט נישט אין באַטראַכט קיין באַשטימט אָרט און קיין באַשטימטער לייענער, נייערט דער אינטעליגענטער יידיש־לייענער אין אַלגעמיין, אויף דער גאַנצער וועלט, האָט מען פאַרן פאָרליגנדיקן ווערק פאַרן אויג אויפן ערשטן פּלאַץ די אַרויסגעבער, די לאָנדאָנער רעשטלעך פון דער־

תקופה, מיט וועלכער דאָסדאָזיקע ווערק פאַרנעמט זיך על־פּי רוב. און אויך די מענטשן, וועלכע האָבן דעמאָלסט געלעבט און אקטואירט אין ענגלאַנד און זיינען דערנאָך צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן אין אַ סך לענדער, אָבער בעיקר אין די ענגליש־רעדנדיקע מדינות: די פאַרייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע און דרום־אַפריקע. און אַט־דעם מין יידיש־לייענער האָט מען צוגעווינט אונטערצוטראָגן, נישט נאָר אין די צייטונגען, נייערט אויך אין ביכער, אַ משונה־מאָדנעם יידיש, אַ פאַרענגלישטן אָדער פאַרזשאַרגאָניזירטן, ביכדי ס'זאָל זיך אים לייענען גלאַטיק. האָב איך אָבער אַזאַ לשון נישט געקאָנט און נישט געוואָלט באַנוצן. און איך האָב עס נישט געוואָלט טאָן ראשית־כל דערפאַר, ווייל איך האַלט, אַז מ'טאָר עס נישט טאָן, אַז מ'טאָר נישט גיין אויפן וועג פונעם לייכטערן ווידערשטאַנד און נאָכלויפן דער גאַס בנוגע לשון, פּונקט ווי מ'טאָר דאָס נישט טאָן בנוגע דעם באַנעם און קוק אויף זאַכן. דאָס שמעקט מיט בולוואַר...

האָב איך אָבער מורא, אַז אַ געוויסע צאָל לייענער וועט אפשר האָבן געוויסע שוועריקייטן ביים לייענען אַט־די זעלטענע און פּרעכטיקע זכרונות ראָקערס. וויל איך צו זיי זאָגן, אַז זיי זאָלן זיך דעם עינין נישט נעמען שטאַרק צום האַרץ, טאָמער וועלן זיי נישט וויסן דעם גענויען טייטש פון געוויסע ווערטער אָדער אויסדרוקן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט. אַ שפּראַך באַשטייט טאַקע פון ווערטער, אָבער נישט בלויז פון ווערטער, נייערט אויך פון גייסט. און אַז מ'וועט זיך ביים לייענען באַמיען צו לייענען מיט אַביסל קאָפּ, צוגעבן אַביסל אינטואיציע, וועלן אויך די נישט גענוי־פאַרשטאַנענע ווערטער זיין פאַרשטענדלעך, אַפילו די שווערע העברעישע ווערטער, וועלכע מ'וואַרפט מיר צומאָלס אויס...

די ענגליש־רעדנדיקע לייענער וועלן אפשר אויך געפינען געוויסע ענגלישע ווערטער און נעמען נישט גענוי־פאַנעטיש פאַרצייכנט. זאָלן זיי מיר דאָס מוחל זיין. זיי וויסן דאָך בעסער ווי ווער ס'איז, אַז אַפילו צווישן ענגליש־רעדנדיקע ווערן דיזעלביקע ווערטער און קלאַנגען נישט אומעטום אַרויסגערעדט אויפן זעלביקן אופן, ביפרט ביי נישט ענגליש־רעדנדיקע.

דאָסדאָזיקע בוך איז דער צווייטער באַנד פון ראָקערס זכרונות, וועלכעס נעמט־אַרום זיין אַזויגערופענע יידישע עפּאָכע אין ענגלאַנד און צווישן יידישע אַרבעטס־מענטשן אין אַלגעמיין. דעריבער האָבן די נאָך אין לאָנדאָן פאַרבליבענע מיטצייטלער ראָקערס אַ ספּעציעלן אינטערעס אין אַרויסגעבן אין יידיש אַט־דעם באַנד. דער ערשטער באַנד, „די יוגנט פון אַ בונטאַר", גייט דערווייל אין יידיש נישט אַרויס און ווער ווייסט, צי ס'וועט זיך געפינען עמעצער אים אַרויסצוגעבן, פּונקט ווי דעם דריטן באַנד, וועלכער דערשיינט בקרוב אין דער שפּאַנישער שפּראַך. האָב איך דעריבער געהאַלטן פאַר פּאַסיק צו נעמען די צוויי קאַפּיטלען פונעם ערשטן באַנד, וועלכע באַהאַנדלען יידישע טעמעס: „מיין ערשטע באַגעגעניש מיט יידישע רעוואָלוציאָנערן פון מיזרח־אייראָפּע" און „מיין ערשטע רייזע קיין לאָנדאָן", און זיי אַריינגעבן אין צווייטן באַנד. אַזוי ווי איך האָב זיי נישט געהאַט אין דייטשן אָריגינאַל, האָב איך זיי איבערגעזעצט פון דער היגער שפּאַנישער אויסגאַבע: „לאָ כוווענטוד דע און רעבעלדע".

די צוויי קאַפּיטלען „דער פּיאָנער אהרן ליבערמאַן" און „ליבערמאַנס נאָכגייער", האָב איך גענומען פון דער „פרייער אַרבעטער־שטימע", וווּ זיי זיינען געווען אָפּגעדרוקט אין פ. קאָנסטאַנס איבערזעצונג.

און לסוף נאָך עטלעכע ווערטער וועגן אויסלייג, וועלכן ס'איז מיר בשום אופן נישט מעגלעך געווען צו פאַראיינהייטלעכן, הגם דאָס איז געווען מיין כוונה. כל־זמן ס'וועט נישט הערשן קיין איינהייטלעכקייט אין אַלגעמיין, וועט אַזעלכעס נישט מעגלעך זיין, סיידן מ'זאָל זיך אויסשטעלן צו גרויסע קאָרעקטורן און צו נייע גרייזן אין די קאָרעגירטע שורות...

י. בירנבוים

בוענאָס איירעס, דעצעמבער, 1951.

# אַריינפירוואָרט פונעם מחבר צו דער יידישער אויסגאַבע פון זיינע זיכרונות

דאָס, וואָס איך האָב זיך איבערהויפּט גענומען צו דער אַרבעט פון שרייבן אָט־די זיכרונות, איז צו פֿאַרדאַנקען בעיקר דער שטענדיקער און כסדרדיקער צודרינגלעכקייט פון מיין פֿאַרשטאָרבענעם פריינט נעטלאַו. ווען איך האָב זיך, אין נאָוועמבער 1918, אומגעקערט קיין דייטשלאַנד, נאָך אַ 26־יעריקן גלות, זיינען ווידער באַנייט געוואָרן מיינע באַציונגען מיט נעטלאַוען, וועלכע זיינען, צוליב דער ערשטער וועלט־מילחמה, געהאַט איבערגעריסן געוואָרן אין משך פון עטלעכע יאָר. נעטלאַו האָט דעמאָלסט געוווינט אין ווין. ער פלעגט אָבער שפּעטער גאַנץ אָפט קומען קיין בערלין. אַזוי, אַז חוץ אונדזער דורכשרייבן זיך, האָבן מיר אויך אָפט געהאַט אַ געלעגנהייט זיך דורכצושמועסן פּערזענלעך וועגן אַלץ, וואָס איז אונדז געווען נאָענט צום האַרץ. שוין דעמאָלט האָט ער מיר פֿאַרגעלייגט צו שרייבן מיינע זיכרונות. דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען לייכטער צו רעדן ווי צו טאָן. מיר האָבן דעמאָלסט געלעבט אין אַ רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד, אַזוי, אַז איך בין שטענדיק געווען פֿאַרוואָרפן מיט אַרבעט און קיינמאָל נישט געוווסט, וואָס אָנצוהייבן פריער. אין אַזאַ צייט, ווען דער צעשטורעמטער היינט האָט פֿאַרנומען אַלע מיינע כוחות, זיינען געווען ווייניק פּערספּעקטיוון, אַז איך זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט די שפּורן פון אַ פֿאַרגאַנגענהייט, וועלכע האָט שוין באַלאַנגט צו דער געשיכטע.

דאָס האָט אויך נעטלאַו פֿאַרשטאַנען. ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז איך דאַרף לפּחות מאַכן צוגרייטונגען פאַר דער־אַ אַרבעט, ווען און ווו נאָר איך וועל האָבן אַ געלעגנהייט דערצו. דער רעשט וועט שוין דערנאָך קומען פון זיך אַליין.

„זאַמלט נאָר צונויף ביסלעכווייז אַלע שריפטלעכע יסודות, וועלכע איר קאָנט נאָר אויסגעפינען אָדער וועלכע אַנדערע קאָנען אייך צושטעלן", — האָט ער געשריבן צו מיר אין אַפּריל 1923. — „מאַכט קורצע פֿאַרצאַטירונגען וועגן וויכטיקע פּאַסירונגען אין אייער לעבן, וועלכע איר וועט שפּעטער קאָנען בעסער באַאַרבעטן, ווען ס׳וועט זיך פאַר אייך אָנהייבן אַ רואיקערע צייט. איר האָט דאָך אָנגעהאַלטן אַזעלכע נאָענטע באַציונגען מיט באַקאַנטע פּערזאָנען פון אונדזערע קרייזן. גיט־זשע אונדז אייערע פּערזענלעכע איינדרוקן וועגן דעם; אַלע באמת כאַראַקטעריסטישע אַנעקדאָטן און איבערלעבענישן, וועלכע זיינען ווייניק באַקאַנט אָדער לאַנג שוין פֿאַרגעסן. אייער לאַנגיעריקע טעטיקייט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג גיט אייך די מעגלעכקייט אונדז איבערצוגעבן אַ וויכטיק שטיק היסטאָריע, וועגן וועלכן ס׳איז ביז איצט אין קיין שום שפּראַך נישט אָנגעשריבן געוואָרן עפּעס אַזעלכעס, וועלכעס זאָל קאָנען באַטראַכט ווערן ווי ממשותדיקס און וועזנטלעכס. דאָס אַליין וואָלט שוין געווען גענוג אייך צו באַוועגן אויפצונעמען דידאָזיקע אַרבעט, מחמת ס׳איז דאָך אַ זייער דאַנקבאַרע אויפגאַבע צו ברענגען ידיעות וועגן געשעענישן, וועלכע זיינען פֿאַרן רוב פֿאַרבליבן גענצלעך אומבאַקאַנט. פֿאַרציט נישט, בכן, דעם־אַ עניין אין דער לאַנגער באַנק אַריין; מאַכט שוין איצט די נייטיקע צוגרייטונגען. און ווען איר וועט דערנאָך, פריער צי שפּעטער, זיך קאָנען נעמען צו דערדאָזיקער אַרבעט, וועט איר שוין אַליין אויסגעפינען, ווי פֿאַרלאָקנדיק ס׳איז גייסטיק פונדאָסניי איבערצולעבן דאָס פֿאַרגאַנגענע".

פון נעטלאַוען האָט אַרויסגערעדט דער געבוירענער היסטאָריקער. זיין גרויספּאַרנעמיקע באַקונין־ביאָגראַפיע, זיין גרויסע געשיכטע פונעם אַנאַרכיזם, פון וועלכער ס׳זיינען ביז איצט אָפּגעדרוקט געוואָרן בלויז די ערשטע דריי בענד, און אַ סך אַנדערע היסטאָרישע

אַרבעטן האָבן אים באַוויזן, וויפל וויכטיק און איצט אומגעפינבאַר מאַטעריאַל ס'איז שוין פאַרלוירן געוואָרן. און טאָקע דערפאַר האָט ער זיך שטענדיק באַמיט צו ראַטעווען אַלץ, וואָס ס'איז נאָר מעגלעך צו ראַטעווען. איך אַליין האָב דאָס זייער גוט פאַרשטאַנען; איך בין אָבער פונדעסטוועגן פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין אויפהאַלטן זיך אין דייטשלאַנד קיינמאָל נישט צוגעקומען דערצו, אָנצוהייבן מיט די צוגרייטונגען, צו וועלכע נעטלאַו האָט מיך אַזוי שטאַרק צוגערעדט. איך בין אפילו שטאַרק מסופק, צי וואָלט איך אין אייראָפּע ווען ס'איז געווען באַוויזן צו שרייבן זיכרונות. פאַר אַזאַ אַרבעט מוז מען קודם־כל האָבן אינערלעכע מעדיטאַציע, קאָנצענטראַציע און אַזעלכעס האָב איך אין יענער שטורמישער צייט כימעט לגמרי נישט געהאַט.

ערשט ווען ס'האָבן זיך אין דייטשלאַנד צעעפנט די טויערן פאַרן דריטן רייך, האָט זיך פאַרענדיקט אַ באַשטימטע פאַזע פון מיין לעבן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ נייער פעריאָד פון גלות און איך האָב נאָך אַפילו נישט געהאַט קיין אַנונג, וואָס פאַראַ פּנים מיין נאָענטע צוקונפט וועט האָבן. נאָכדעם ווי מילי און איך זיינען גליקלעך אַנטרונען פון דייטשלאַנד, זיינען מיר נאָך זעקס חדשים פאַרבליבן אין דער שווייץ, אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד און זיינען דערנאָך אָפּגעפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און דעם 2טן סעפּטעמבער 1933 זיינען מיר אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. בסך־הכל צוויי וואָכן נאָך אונדזער אָנקום האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מאַקס נעטלאַו, אין וועלכן ער האָט מיך ווידער דערמאָנט, איצט אָנצוהייבן מיטן שרייבן מיינע זיכרונות.

„קיינער קאָן נישט וויסן, האָט ער מיר געשריבן, ווען איר וועט ווידער האָבן די מעגלעכקייט צו קומען קיין דייטשלאַנד. אויב אַלע סימנים נאַרן נישט אָפּ, וועט אַריבערגיין אַ לענגערע צייט, ביז דער היינטיקער סיסטעם דאָרט וועט האָבן אַ מפּלה. ביי וואָס פאַראַ אומשטענדן דאָס וועט פּאַסירן, קאָן מען נישט זאָגן פון פאָרויס. איר האָט דעריבער איצט די בעסטע געלעגנהייט אָנצושרייבן אייערע זיכרונות, ווייל אויב איר וועט עס נישט טאָן איצט, וועט איר עס אפשר שוין קיינמאָל נישט טאָן. איר זיינט דאָך שוין מער נישט קיין בחור'ל, מיין ליבער ראָקער, און איר זיינט טאָקע איצט צוגעקומען צו אַזאַ עלטער, וועלכעס איז צום בעסטן צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ אויפגאַבע. נעמט זיך, בכן, איין מאָל פאַר אַלעמאָל צו דער אַרבעט און לאָזט נישט דורך קיין געלעגנהייט, וועלכע וועט זיך אייך אפשר שוין קיינמאָל נישט אונטעררוקן פונדאָסנייי".

ער איז געווען גערעכט. און גרויס איז געווען זיין שימחה, ווען איך האָב אים לסוף געלאָזט וויסן, אַז איך בין איצט אַ בעלן צו פאָלגן זיין עצה. אָבער אויך איצט האָב איך נאָך געהאַט בייצוקומען אַ סך שוועריקייטן, איידער כ'האָב זיך באמת געקאָנט נעמען צו דער אייגנטלעכער אַרבעט. בשעת די ערשטע זעקס יאָר פון מיין אויפהאַלט אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָב איך יעדעס יאָר געמאַכט לאַנגע רייזעס איבער אַ ריזיק־גרויסן שטח, וועלכער האָט זיך געצויגן פונעם אַטלאַנטישן ביז צום פּאַציפישן אָקעאַן, און פון מעקסיקע ביז קאַנאַדע, און אומעטום געגעבן רעפעראַטן. אַזעלכע רייזעס האָבן יעדעס מאָל צוגענומען פון זעקס ביז זיבן חדשים און ס'איז מיר, אַזוי אַרום, געבליבן ווייניק צייט פאַר מיינע ליטעראַרישע אַרבעטן. אָבער אַפילו די צייט, וועלכע איך האָב יאָ געקאָנט געווינען פאַר אָט־די אַרבעטן, פלעגט גאַנץ אָפט איבערגעריסן ווערן דורך אַנדערע אַרבעטן, וועלכע האָבן געמוזט געמאַכט ווערן. אָבער דער אָנהויב איז שוין געהאַט געמאַכט געוואָרן, און ווען אַפילו די פאַרענדיקונג פונעם ערשטן באַנד האָט געדויערט לאַנג, איז צוגעגאַנגען פּאַמעלעך, האָט מיר אָבער די אַרבעט פאַרשאַפט אַ סך אינערלעכע פרייד און איך בין שוין געווען זיכער, אַז איך וועל זי שוין נישט אָפּלאָזן. די ערשטע זיבן קאַפּיטלען זיינען אָנגעשריבן געוואָרן אין טאַואַנדאַ, אַ שטיל, לייטזעליק שטעטל אין די בערג פון פּענסילוואַניע, וווּ ס'האָט געווינט מיין פרויס שוועסטער און איר פאַמיליע. דאָס פרידלעכע פלאַץ מיט זיין ליבלעכער סביבה איז זיכער געווען דאָס פּאַסיקסטע אָרט, וווּ מ'האָט זיך געקאָנט קאָנצענ־

רידן, ביכדי אַרויסצוברענגען די איבערלעבענישן פון פאַרגאַנגענע צייטן, וועלכע זיינען שוין פון לאַנג געהאַט פאַרשווינדן געוואָרן אינעם שויס פון דער צייט.

ס'איז אָבער תמיד געווען אַ חסרון, וואָס איך האָב כסדר געמוזט פונדאַסניי איבעררייסן מיין אַרבעט. דאָס האָט אָבער אַנדערש נישט געקאָנט זיין. אַן ענדערונג איז פאָרגעקומען ערשט דעמאָלסט, ווען די ווייטערדיקע יאָרן האָבן מיר לייכט געגעבן אָנצוהערן, אַז איך בין שוין ווייט נישט צוגעפּאַסט, נישט פעיק איבערצוטראָגן די אָפּקומענישן פון אַזעלכע רייזעס, און איך האָב זיי ביסלעכווייז געמוזט נעמען אָפּלאָזן. האָב איך, אַזוי אַרום, באַקומען מער צייט פאַר מיינע ליטעראַרישע אַרבעטן. און ביכדי איך זאָל זיך קאָנען אינגאַנצן ווידמען צו אָט־דער טעטיקייט, האָבן מיר זיך אין יאָר 1937 באַזעצט אין דער מאָהיגאַן־קאָלאָניע, אַ קליינער אינטערנאַציאָנאַלער יישוב, 40 מייל פון ניו־יאָרק, ווו איך האָב לייכטער געקאָנט אַרבעטן ווי אינעם טומל פון דער גרויסער שטאָט. און טאַקע דאָרט איז עס געווען, ווו איך האָב נעבן אַ גאַנצער שורה אַנדערע ווערק אויך געקאָנט גליקלעך פאַרענדיקן מיינע זיכרונות.

דער ערשטער באַנד איז אַרויס אין יאָר 1947 אין בוענאָס איירעס, אין דער שפּאַנישער שפּראַך, אונטערן טיטל "La Juventud de un Rebelde" (די יוגנטצייט פון אַ בונטאַר). אין אים איז באַשריבן די געשיכטע פון מיין יוגנט און די יאָרן פונעם גלות אין פּאַריז. דער צווייטער באַנד "En la Barrasca" (אינעם שטורעם) איז אַרויס (אויך אין דער שפּאַנישער שפּראַך און אין בוענאָס איירעס) אין יאָר 1949. אין אים רעדט זיך וועגן מיינע יאָרן אין לאָנדאָן און ס'ווערט דאָרט געגעבן אַן אויספירלעך בילד וועגן דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד און אויך וועגן די קרובישע באַוועגונגען אין אַנדערע שפּראַכן פון יענער צייט. נו, און איצט האָב איך נאָר וואָס פאַרענדיקט דעם דריטן און לעצטן באַנד, „רעוואָלוציע אָדער אומקער צו באַרבאַריע", וועלכער פאַרנעמט זיך מיט די געשעענישן אין דייטשלאַנד זינט דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע ביז צום אָנקום פונעם דריטן רייך און מיט מיין אַקטיוויטעט אין די פאַרשטאָטן אין משך פון די לעצטע 17 יאָר. דאָס גאַנצע דרייבענדיקע ווערק איז נאַטירלעך מער ווי אַ פּשוטע ביאָגראַפיע; עס איז גיכער אויסגעוואַקסן אין אַ כימעט אויספירלעכער געשיכטע פון דער פרייהייטלעכער באַוועגונג פון די לעצטע זעכציק יאָר, אונוויווייט איך בין אין איר געווען דירעקט אָדער אומדירעקט באַטייליקט.

נאָכן דערשיינען פונעם צווייטן באַנד האָבן זיך געווענדט צו מיר אייניקע יידישע חברים וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבן אין לאָנדאָן, און זיך אָנגעבאָטן אַרויסצוגעבן דעם־אָ באַנד אין דער יידישער שפּראַך, מחמת דער אינהאַלט זיינער האָט פאַר זיי לאָגישערווייז אַ ספּעציעלן אינטערעס, ווייל על־פּי־רוב האַנדלט עס זיך דאָרט וועגן דער געשיכטע פון זייער אייגענער באַוועגונג. נאָך פאַראַן אין ענגלאַנד אייניקע פּערזאָנען, וועלכע האָבן דעמאָלסט, ווי יונגע מענטשן נאָך, געהאַט אַן אַקטיווע באַטייליקונג אין דערדאָזיקער באַוועגונג און טאַקע אין דער צייט, ווען זי איז דערגאַנגען צום העכסטן פּונקט פון איר אַנטוויקלונג. האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט גאָרנישט קעגן אָט־דעם פאָרלייג, וועלכער איז ביי מיר אַפילו געווען שטאַרק אָנגעלייגט, ווייל אין אָט־דעם באַנד איז פאַראַן אַ שטיק געשיכטע, אין וועלכער איך פּערזענלעך האָב זיך גאָר נאָענט באַטייליקט.

די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד שטעלט מיט זיך פאָר, בלי שום ספק, אַ זייער דערמוטיקנדיק און קערנדיק קאַפּיטל אין דער היסטאָרישער געשטאַלטיקונג פונעם פרייהייטלעכן סאָציאַליזם. דער אינטערעס פאַר אָט־די געשעענישן איז אויף אַזוי פיל גרעסער, אויף וויפל זיי זיינען געווען גענצלעך אומבאַקאַנט אַפילו פאַר די חברים פון אונדזער אייגענער באַוועגונג אין די פאַרשידענע לענדער איידער דאָסדאָזיקע בוך איז אַרויס. דאָס נעמט זיך בעיקר דערפון, וואָס די יידישע שפּראַך איז דער אויסדרוקסמיטל פון אַ קליינער פאָלקסגרופּירונג, וועגן וועלכער מ'האָט אין די פריערדיקע יאָרן אין די מערב־

אייראָפּעישע לענדער געוווּסט זייער ווייניק אָדער כּימעט גאָרנישט. צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער אומשטאַנד, אַז די יידישע צייטונגען און אַנדערע ליטעראַרישע שאַפונגען זיינען געדרוקט געוואָרן מיט העברעישע אותיות, וועלכע זיינען פאַר די אַנגעהעריקע צו אַנדערע שפּראַכגרופּעס געווען לחלוטין פרעמד און דאָס האָט נאַטירלעך געמוזט דערפירן דערצו, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט באַקומען אַ שוואַכערע אויפמערקזאַמקייט ווי זי האָט דאָס אינדערמאָמתן פאַרדינט. דאָס איז אויך געווען די סיבה דערפון, פאַרוואָס מ'האָט אַזוי ווייניק געוווּסט וועגן דער יידישער באַוועגונג מחוץ איר אייגענעם ווירקונגסקרייז, הגם זי האָט אין משך פון צענדליקער יאָרן אַנגעפירט איינע פון די שטאַרקסטע אַקטיוויטעטן, וואָס אַ סאָציאַלע באַוועגונג איז איבערהויפּט אימשטאַנד אַנצופירן און אויפגעטאָן דאָס גרעסטע, וואָס איז נאָר מעגלעך אויפצוטאָן.

די פרייהייטלעכע באַוועגונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט איז נישט נאָר געווען די שטאַרקסטע אימיגראַציע־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט אויפן ענגלישן באָדן; אויך אין דער צאָל פון אירע אַנהענגער האָט זי ווייט אַריבערגעיאָגט די היימישע באַוועגונג פון די ענגלישע אַנאַרכיסטן און זי איז דעריבער געווען אימשטאַנד דורכצופירן אַ סך איניציאַטיוועס, וועלכע זיינען פאַר זייערע ענגלישע חברים געווען אומדערגרייכבאַר. די גרויסע צאָל מאַסן־פאַרזאַמלונגען פון דער פעדעראַציע פון יידישע אַנאַרכיסטן אין די גרעסטע סאַלאָנען פון לאָנדאָנס מיזרח־טייל, אַזעלכע ווי וואָנדערלאַנד און גרייט אַסעמבלי האָל, צו וועלכע ס'זיינען שטענדיק געקומען פון זעקס ביז זיבן טויזנט מענטשן, האָבן אַפילו אַרויסגערופן די באַוווּנדערונג פון די חברים פון די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן אין לאָנדאָן, אָבער בלויז ווייניק פון זיי זיינען געווען אימשטאַנד זיך צו דערקלערן, פאַרוואָס די באַוועגונג האָט געקאָנט געווינען אַזאַ שטאַרקן מאָראַלישן איינפלוס צווישן די ברייטע שיכטן פונעם פאָלק. באַקאַנטע חברים, וועלכע האָבן תמיד אַנגעהאַלטן אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער יידישער באַוועגונג, אַזעלכע ווי דזשאָן טורנער, טאָם קיל, הערי קעלי, עררי׳קאָ מאַלאַטעסטאַ און גאָר באַזונדערס פּיאָטר קראָפּאָטקין און וולאַדימיר טשערקעסאָף, האָבן געקאָנט טיפער אַרײַנדרינגען אין די אינערלעכע פאַרהעלטענישן פון דער באַוועגונג און נאָר אַזוי אַרום איז מעגלעך געווען צו באַנעמען און פאַרשטיין אָט־דעם איינפלוס.

מײַן ערשטע קאָנטשאַפט מיט פרייהייטלעך־געשטימטע יידישע אַרבעטער פון די מיזרח־לענדער האָב איך געמאַכט נאָך אין פּאַריז; איך בין אַזוי אַרום אַריינגעפאַלן אין אַ פרעמדער וועלט, וועגן וועלכער איך האָב ביז דעמאָלסט אַפילו נישט געהאַט קיין אַנונג. אין פּאַריז האָב איך צום ערשטן מאָל געזען די „פרייע אַרבעטער־שטימע", וועלכע איז דעמאָלט אַרויסגעגאַנגען אין ניו־יאָרק, אונטער דוויד עדעלשטאַטס רעדאַקציע, און דעם „אַרבייטער־פריינד", וועלכער איז אַרויסגעגאַנגען אין לאָנדאָן אונטער ש. יאַנאָווסקי׳ס רעדאַקציע. לייענען האָב איך דעמאָלסט די דאָזיקע בלעטער נאַטירלעך נישט געקאָנט; זייערע פאַר מיר אויסטערלישע אותיות האָבן אויף מיר געמאַכט דעמזעלביקן סודותדיקן איינדרוק ווי די היעראָגליפן פון די אַלטע עגיפּטער. וואָלט מיר דעמאָלט עמיצער געוועזן פאָרויסגעזאָגט, אַז מיט זעקס יאָר שפּעטער וועט אויף מיר גופא אויספאַלן דער גורל איבערצונעמען די רעדאַקציע פונעם „אַרבייטער־פריינד", וואָלט איך אים זיכער געווען אויסגעלאַכט, ווייל אַזאַ משונהדיקער געדאַנק האָט דאָך זיכער נישט געקאָנט אויפקומען אין מײַן מחשבה, און איך וואָלט אים, אַגב, געהאַלטן פאַר אוממעגלעך. אָבער דאָס לעבן טוט צומאָלס אויף אַזעלכע זאַכן, וועלכע זיינען נאָך משונה־מאָדנער און אויסטערלישער ווי ס'זיינען געווען פאַר מיר אין יענער צייט די העברעישע אותיות. ס'קאָן אָבער לייכט געמאָלט זיין, אַז אָן מײַן באַקאַנטשאַפט מיט די יידישע חברים אין פּאַריז, וואָלט איך אפשר קיינמאָל נישט געווען געפונען מיין וועג אין די קרייזן פון דער יידישער באַוועגונג אין לאָנדאָן. אין אַזעלכע ענינים שפּילט צומאָלס אַ קליינער צופאַל אַן אַנטשיידנדיקע ראָל.

ווען איך בין דעם 1טן יאַנואַר פון יאָר 1885 אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, האָב איך קודם־

כל געמוזט טראַכטן וועגן באַקומען אַרבעט. ס'זיינען טאַקע אַריבער עטלעכע חדשים, ביז איך האָב געקאָנט באַקומען אַ שטעלע און אַזוי אַרום דערווייל קאָנען פאַרענטפערן דעם עיניין מכוח מיין עקזיסטענץ. ערשט דעמאָלסט האָב איך געקאָנט טראַכטן וועגן מאַכן אַ באַזוך ביי די יידישע חברים אינעם גרויסן געטאָ פון לאָנדאָנס איסט־ענד. דאָס איז געווען אין אַ פרייטיק אָוונט, ווען איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט אַהין צוזאַמען מיט אייניקע דייטשע חברים. די יידישע חברים פלעגן דעמאָלט אָפּהאַלטן זייערע וועכנטלעכע פּראָפּאַגאַנדע־פאַרזאַמלונגען אין שוגאַר־לאָוף. דאָס איז געווען אַ מיאוסער, טריבער זאַל אין הענבורי־סטריט, אַ שמאָלע, פינצטערע און פאַרוואָרלאָזטע גאַס ווי דער רוב גאַסן אינעם אָנגעוואָר־פענעם הייזערלאַבערינט אַרום בריקליין און ווייטשעפּל, ווו ס'איז געווען אָנגעזאַמלט אַזוי פיל ביטערע נויט און אַזוי פיל שווערע דאגה אין קאַמף פאַרן לעבן און עקזיסטענץ. נאָך מיין ערשטן באַזוך פלעג איך שוין אָפטער קומען אין יענער געגנט, אויף וועלכער ס'האָט אַזוי שווער געהויערט די קללה פון דחקות, און זיך באַטייליקט אין די דיסקוסיעס, אַזוי ווי איך האָב פריער געטאָן דאָס נעמלעכע אין פּאַריז. אַזוי אַרום בין איך באַלד באַקאַנט געוואָרן מיט אַ היפּשער צאָל יידישע חברים, אַזעלכע ווי דוויד איזאַקאָוויטש, י. קאַפּלאַן, א. פרומקין, וויליאַם וועס, באָריס זשוק, ל. באַראָן און אַנדערע, און ס'זיינען צווישן מיר און די יידישע חברים אַנטשטאַנען זייער פריינטלעכע באַציונגען, וואָס וועגן זייערע ווייטערדיקע רעזול־טאַטן רעדט זיך אויספירלעך אין אָט־דעם בוך.

די פאַרהעלטעניש, וועלכע איך האָב געטראָפן אין דער יידישער באַוועגונג אין לאָנדאָן, זיינען געווען שטאַרק אַנדערש ווי דער צושטאַנד, וועלכן איך האָב אָנגעטראָפן אין פּאַריז. אין פּאַריז האָט עקזיסטירט אַ קליינע אַקטיווע גרופּע פרייהייטלעך־געשטימטע יידישע אַרבע־טער, וועלכע פלעגט יעדן זונטיק אָוונט דורכפירן עפנטלעכע צונויפטרעפן און רעפעראַטן אין אַ קאַפעהויז אויפן בולוואַר באַרבעס. חוץ דעם פלעגן אָרגאַניזירט ווערן גרעסערע פאַרזאַמלונגען, וועלכע פלעגן פאָרקומען יעדן פרייטיק אין קאַפעהויז טרעזאָר, אין דער רי וויעיע די טאַמפּל. אָט־די פאַרזאַמלונגען פלעגן באַזוכט ווערן פון יידישע סאָציאַליסטן פון אַלע ריכטונגען און דער צוועק זייערער איז געווען בעיקר פריי צו דיסקוטירן די מיינונגען צווישן די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע אַנזיכטן. אינעם ריזיקן געטאָ פון לאָנדאָנער איסט־ענד האָבן אָבער געוווינט אַ סך טויזנטער יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען צוליב די באַשטענדיקע רדיפות אויף יידן אין זייערע אַלטע היימלענדער אין רוסלאַנד, פּוילן און רומעניע פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן און זיי זיינען געווען געצוווּנגען צו זוכן אין ענגלאַנד אַ מקום־מיקלט. איידער ס'האָט זיך אין רוסלאַנד געקאָנט אַנטוויקלען אַ ממשותדיקע אַרבע־טערבאַוועגונג, האָבן די־אָ מענטשן געלעבט אין די געטאָ־שטעטלעך פונעם מיזרח און אָנגעפירט זייער אייגן אָפּ־ און איינגעשלאָסן לעבן, אַ לעבן, וועלכעס האָט געהאַט ווייניק באַציונגען מיט דער רוסישער, פּוילישער אָדער רומענישער אַרומיקער סביבה און דעריבער האָט עס במשך פון אַ סך צענדליקער יאָרן אויפגעהיט זיין אייגענעם חותם און כאַראַקטער. שפּעטער אָבער, נאָך דער אויסוואַנדערונג, האָט זיך דאָס בילד לגמרי געענדערט, מחמת די אימיגראַנטישע יידישע אָרעמקייט איז אַריינגעפאַלן אין אַ גאַנץ אַנדערער סביבה מיט לחלוטין אַנדערע אומשטענדן און דאָס האָט ביסלעכווייז געמוזט ברענגען דערצו, אַז אויך זייער גאַנצער איינשטעל און באַנעם זאָל דורכמאַכן אַן אינערלעכע ענדערונג.

ביכדי צו פאַרדינען אויף זייער חיונה, האָבן זיי זיך געמוזט אַרומקוקן נאָך נייע פּרנסה־קוואַלן. אַזוי אַרום זיינען אין איסט־ענד אויפגעקומען גאַנץ נייע אינדוסטריעס, באַזונדערס אין דער קאָנפעקציע־שניידעריי, וועלכע האָבן געגעבן באַשעפטיקונג דעם רוב פון די ערשט־אָנגעקומענע. אָבער די גרינדער פון אָט־דעם נייעם עקאָנאָמישן צווייג האָבן באַלד אויסגע־פונען, אַז די נויט פון די דאָזיקע מענטשן, וועלכע זיינען געצוווּנגען וואָס פריער און וואָס ג'כער צו געפינען עפּעס אַ באַשעפטיקונג, אויב זיי ווילן נישט אומקומען פון הונגער, אַז אָט־די נויט איז דאָס בעסטע מיטל זיי אויסצושטעלן צו די שרעקלעכסטע באַדינגונגען פון

אַרבעט, מחמת זיי האָבן דאָך נישט קיין שום אופן און מעגלעכקייט זיך צו העלפן און באַשיצן. דאָס איז זיי נישט אָנגעקומען שווער אויך צוליב דעם, וואָס די נייע אימיגראַנטן האָבן נישט געהאַט די מינדסטע אָנונג נישט וועגן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און נישט וועגן אָרגאַניזירטע עקאָנאָמישע קאַמפן, און זייער גאַנצע שטרעבונג איז געווען צו באַקומען עפּעס אַ באַשעפטיקונג, מעגן די באַדינגונגען זיין נאָך אַזוי שווער. אַזוי אַרום האָט זיך אין דידאָזיקע נייע אינדוסטריעס אַנטוויקלט יענע עקלדיק־אומווירדיקע פאָרעם פון מענטשלעכער עקספּלואַטאַציע, וועלכע איז אין ענגליש געווען באַקאַנט ווי סוועטינג סיסטעם און דעם־אַ נאָמען (שוויצסיסטעם) בלי שום ספק ריכטיק פאַרדינט, ווייל דאָ האָט איינער אונטערגעטריבן דעם אַנדערן, און די מענטשן, וועלכע האָבן פון דעמדאָזיקן גיהנום געדאַרפט אַרויסבאַקומען זייער בדחקותדיקע פּרנסה, זיינען בפירוש געווען געצוווּנגען צו פאַרדינען זייער ברויט מיטן שווייס פון זייער פּנים.

אָט־די אומדערטרעגלעכע לעבנס־פאַרהעלטענישן זיינען עס געווען די פאַקטאָרן, וועלכע האָבן שפּעטער געגעבן דעם אייגנאַרטיקן חותם און כאַראַקטער דער פרייהייטלעכער באַוועגונג, וואָס האָט זיך בהדרגהדיק אַנטוויקלט צווישן דעם פּראָגרעסיווערן טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין איסט־ענד. די חברים פון די אַנדערע פעלקערשאַפטן אין לאָנדאָן האָבן זיך געקאָנט באַנוגענען מיט אָפּהאַלטן רעגלמעסיקע צונויפטרעפן אין זייערע קלובן אין דער לאָנדאָנער מערב־זייט, צו אַראָנזשירן רעפעראַטן און צו שטיצן די באַוועגונג אין זייערע רעספּעקטיווע היימלענדער אַזוי גוט ווו זיי האָבן נאָר געקאָנט. די יידישע חברים זיינען אָבער געווען געצוווּנגען אי צו פירן זייער אידעאָלאָגישע אויפקלער־אַרבעט און אי צו פּרוּוון פאַרבעסערן די אַלגעמיינע לעבנסבאַדינגונגען פון די אַרבעטער, זיי צו מאַכן מענטשנווירדיקער, אַזוי צו זאָגן. זיי האָבן געמוזט שאַפן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, זיך באַטייליקן אַקטיוו אין אַלע עקאָנאָמישע קאַמפן פון די אַרבעטער און אומעטום טאַקע נעמען די ערשטע איניציאַטיוו פאַר אַזעלכע קאַמפן.

און חוץ דעם זיינען נאָך צוגעקומען קולטורעלע אויפגאַבן אויף די פאַרשידנסטע געביטן, אויפגאַבן, וועלכע פלעגן ביי אַנדערע פעלקער על־פּי־רוב דורכגעפירט ווערן פון באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס. דער רוב פון די ערשטע יידישע אייננווינער פון די מיזרח־לענדער איז אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן לויט די אַלטע רעליגיעזע באַגריפן פון די קליינע שטעטלעך אינעם געטאָ און זיי האָבן לחלוטין נישט געהאַט קיין שום באַגריף וועגן דעם גאַנצן געדאַנקענגאַנג פון דער מערב־אייראָפּעישער קולטור. אין יעדער אַנדערער שפּראַך האָט עקזיסטירט אַ רייכע ליטעראַטור, וועלכע האָט יעדן איינעם געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט די גייסטיקע דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער קולטור און מיט אירע געזעלשאַפטלעכע באַגלייט־דערשיינונגען. אין דער יידישער שפּראַך זיינען אָבער דעמאָלט אַזעלכע קוואַלן נישט געווען. אָבער היות ווי אַזאַ דערציִונגס־אַרבעט איז געווען דורכויס נייטיק, ביכדי צו צעעפענען פאַר דער יידישער אַרבעטערשאַפט נייע האָריזאָנטן פון אַ קולטורעלער אַנטוויקלונג, וועלכע זאָל זיי מאַכן פעיק אויסצוברייטערן זייער גייסטיקן באַנעם און צוגענגלעך פאַר נייע פּראָבלעמען, האָט די באַוועגונג אויך אָט־די אַרבעט געמוזט נעמען אויף זיך און אַליין שאַפן די מעגלעכקייטן פאַר אַזאַ אַקטיוויטעט. דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט, ווי דער לייענער וועט דאָס זען ביים לייענען די בלעטער פון אָט־דעם באַנד; זי האָט אָבער דער באַוועגונג געגעבן די געלעגנהייט צו זיין אַקטיוו אויף די פאַרשידנדיקסטע געביטן, אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז אירע פרייהייטלעכע פּרינציפּן האָבן דערפון לגמרי נישט געליטן. דידאָזיקע פילזייטיקייט פון איר טעטיקייט און די אומבאַגרענעצטע קרבנות־גרייטקייט פון אירע אָנהענגער איז טאַקע געווען די סיבה דערפון, וואָס די באַוועגונג האָט אין לויף פון די יאָרן געקאָנט באַקומען אַזאַ אויסשפּרייט און אַזאַ מאָראַלישן און קולטורעלן איינפלוס, וועלכער האָט זיך אומעטום געלאָזט שטאַרק אָנזען.

די באַוועגונג איז אויך נישט געבליבן באַגרענעצט אויף לאָנדאָן אַליין; זי האָט באַלד פון

אָנהויב באַקומען געטרייע אָנהענגער אין לידז און מאַנטשעסטער און זי איז שפּעטער געווען אימשטאַנד צו שאַפן אַקטיווע גרופּעס אין ליווערפּול, גלאַזגאָו, עדינבורג, האַל, בירמינגהעם, קאַרדיף און סוואַנסי; זיי אַלע זיינען געווען אינטים פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג אין לאָנדאָן און פון איר באַקומען דעם „אַרבייטער־פריינד", דעם „זשערמינאַל" און אַלע אַנדערע דרוק־זאַכן, וועלכע זיי האָבן געדאַרפט האָבן פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע. און נישט נאָר דאָס: פאַרן רוב יידישע אימיגראַנטן איז ענגלאַנד געווען בלויז אַן אָפּשטעל־ אָדער דורכפאַר־סטאַנציע אָדער אכסניא. זיי האָבן דאָרט געלעבט אַ געוויסע צייט און זיינען שפּעטער געפאָרן אין די פאַר. שטאַטן, קאַנאַדע, אַרגענטינע, זידאַפריקע, אויסטראַליע. יענע פון זיי, וועלכע האָבן אין לאָנדאָן באַקומען די ערשטע סאָציאַל־סטישע און פרייהייטלעכע דערציונג, זיינען אויך אויף ווייטער געבליבן נאָענט צונויפגעבונדן מיט דער אַלטער באַוועגונג אין ענגלאַנד. זיי האָבן אין זייערע נייע וווינערטער געשאַפן אייגענע געביטן פאַר דער אַקטיוויטעט און פאַרפלאַנצט זייערע אידעען אויף נייע פעלדער, אין נייע קרייזן, און דערביי זיינען זיי אונדזערע בלעטער און די היפּשע ליטעראַטור, וועלכע די באַוועגונג אין לאָנדאָן האָט אַרויסגעגעבן, שטאַרק צונוץ געקומען. איך האָב אין די שפּעטערדיקע יאָרן גאַנץ אָפט געמאַכט לאַנגע רעפעראַטן־טורנעס איבער די גאַנצע פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע און וווהין נאָר איך בין געקומען, האָב איך אומעטום באַגעגנט אַלטע חברים, מיט וועלכע איך בין געווען באַקאַנט פון דער באַוועגונג אין ענגלאַנד. דעמאָלט האָב איך ערשט ווי געהעריק פאַרשטאַנען, ביז וואַנען ס'האָט געגרייכט די ווירקונג פון אונדזער פריערדיקער טעטיקייט אין לאָנדאָן.

אינדעראמתן איז געווען ווייניק באַוועגונגען אַזעלכע, וועמענס פּעריאָדישע און אַנדערע מינים ליטעראַטור זאָל געווען האָבן אַ פאַרשפּרייט אין אַזוי פיל פאַרשידענע לענדער. חוץ די שוין דערמאָנטע לענדער האָבן אונדזערע צייטשריפטן געהאַט אַ לייענערקרייז אין פּאַריז, בערלין, לעמבערג, ווין, בוקאַרעסט, סאָפיע, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, קאַירא, אַלעקסאַנדריע, און ווען ס'איז אין רוסלאַנד גופא שפּעטער אויפגעקומען אַן אונטערערדישע באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער, האָבן מיר באַוויזן אַריינצושמוגלען אונדזער ליטעראַטור קיין ביאַליסטאָק, ווילנע, גראָדנע, וואַרשע און אָדעס, ווו זי האָט, נאַטירלעך, אונטער דער הערשאַפט פונעם צאַריזם, בלויז געקאָנט פאַרשפּרייט ווערן בסוד. אויף דעם אופן איז אונדזער באַוועגונג אין ענגלאַנד געווען ביכולת דורכצופירן אַזאַ שטאַרק פאַרצווייגטע דערציונגסאַרבעט, וועלכע איז אַרויס ווייט און ברייט איבער די געאָגראַפישע גרענעצן פון איר ענגן ווירקונגס־קרייז און מיט איר גייסט אויך באַווירקט אַנדערע קרייזן און אַנדערע לענדער, ווו ס'האָבן זיך באַזעצט יידישע עמיגראַנטן אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער צאָל.

בלויז שוואַכע שפּורן זיינען נאָך היינט פאַרבליבן אין ענגלאַנד פון יענער באַוועגונג, וועלכע האָט אַמאָל במשך פון צענדליקער יאָרן דורכגעפירט אַזאַ מזל־ברכהדיקע און אָנגעלייגטע אַרבעט מיט אַזוי פיל אויפטוען. די פרייהייטלעכע באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער אין ענגלאַנד איז נישט אומגעקומען צוליב אויסצערונג, ווי דאָס איז פאָרגעקומען מיט אַ סך אַנדערע עמיגראַנטישע באַוועגונגען, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט אין אויסלאַנד און זיינען דערנאָך פאַרשוווּנדן אָן איבערצולאָזן אַ זייכער. זי איז געפאַלן אַ קרבן פון דער ערשטער וועלט־מילחמה און דווקא אין א צייט, ווען זי איז דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה אין איר אַנטוויקלונג. נאָכדעם ווי דער „אַרבייטער־פריינד" איז אין צווייטן יאָר פון דער מילחמה אָפּגעשטעלט געוואָרן פון דער ענגלישער רעגירונג; נאָכדעם ווי זיינע פאַראַנטוואָרטלעכע אַרויסגעבער זיינען פאַרמישפּט געוואָרן צו תפיסה־שטראָפן און ווי די דרוקעריי און אַדמיניסטראַציע פונעם בלאַט זיינען פון דער פּאָליציי פאַרחתמעט געוואָרן, האָבן די חברים נאָך דער מילחמה געמאַכט אַ נייעם פּרווו אַרויסצוגעבן דאָס בלאַט. אָבער אָט־דעם פּרווו איז נישט באַשערט געווען קיין הצלחה. די פאַרהעלטענישן האָבן זיך געהאַט לגמרי געביטן. אַ גרויסער טייל פון די אַקטיווע חברים איז נאָכן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד; אַנדערע, צווישן זיי אויך איך, זיינען פון די קאָנצענטראַציע־

לאַגערן צוריקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, אַזוי אַז די באַוועגונג האָט מיט איין קלאַפּ פאַרלוירן אַ סך פון אירע בעסטע כוחות. דאָס ערגסטע אומגליק פאַר דער באַוועגונג איז געווען דאָס, וואָס צוליב דער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע און די פּאָליטישע ענדערונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין ענגלאַנד נאָך דער מילחמה, זיינען די אימיגראַציע־געזעצן אין דאָזיקן לאַנד אַזוי פאַרשאַרפט און פאַרשפּיצט געוואָרן, אַז די אַלטע איינוואַנדערונגס־געזעצן זיינען אינגאַנצן בטל געוואָרן און דערמיט איז פאַר דער באַוועגונג איבערגעשניטן געוואָרן דער לעבנסנערוו.

יעדע באַוועגונג פון עמיגראַנטן איז אָפּהענגיק פון דער איינוואַנדערונג; ביי דער יידישער באַוועגונג אין ענגלאַנד איז דאָס אַוודאי און אַוודאי אַזוי געווען צוליב דעם פּשוטן טעם, וואָס דער רוב יידישע איינוואַנדערער איז שפּעטער אָפּגעפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אָדער אין אַנדערע לענדער, אַזוי אַז די באַוועגונג איז שטענדיק געווען אָנגעוויזן אויף אַ נייעם צופלוס פונעם מיזרח. אין מאָמענט, ווען אָט־די קוואַל איז פאַרשטאָפּט געוואָרן, איז פאַרחתמעט געוואָרן די מערכה, דער גורל פון דער באַוועגונג. איר ירידה איז געווען אומפאַרמיידלעך, מחמת זי האָט נישט געהאַט אין איר רשות קיין שום מיטל אָפּצושרייען דעם גזר. אָן דיביידע וועלט־מילחמות און זייערע פאַרוויסטנדיקע רעזולטאַטן וואָלט מיסתמא יענע באַוועגונג ביז צום היינטיקן טאָג נאָך עקזיסטירט, ווייל זי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין סימנים פון אַן אינערלעכער דעקאַדענץ און זי האָט זיך דורך איר עקשנותדיקער אַרבעט פאַרשאַפט אַזאַ פּאָזיציע אינעם לעבן פון דער מיזרח־יידישער באַפעלקערונג אין ענגלאַנד, פון וועלכער מ'האָט זי נישט לייכט געקאָנט אַרויסשטויסן. אָבער ביי די אַנטשטאַנענע אומשטענדן האָט זי לאָגישערווייז געמוזט האָבן דעם זעלביקן גורל, וואָס ס'האָבן אַלע עמיגראַנטישע באַוועגונגען, וועלכע זיינען תמיד אָפּהענגיק פון די פּאָליטישע און סאָציאַלע ענדערונגען פון די לענדער, אין וועלכע זיי וווינען.

האָט דער צופאַל אַזוי געפירט, אַז איך זאָל יענער אַזוי פרוכפּעריקער און אַזוי פילזייטיקער באַוועגונג קאָנען ווידמען צוויי פולע צענדליקער פון מיינע בעסטע יאָרן, אויף וועלכן איך האָב קיינמאָל נישט חרטה געהאַט, מחמת דאָס זיינען געווען יאָרן, וועלכע זיינען געבליבן אומפאַרגעסלעך פאַר מיר. אַ סך פון מיינע לאָנדאָנער פריינט פון אַנדערע פעלקערשאַפטן האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין דעם מאָטיוו דערפון, וואָס איך, ווי אַ נישט־ייִד, האָב געקאָנט האָבן אַזאַ שטאַרקע מאָראַלישע און גייסטיקע השפעה אויף אָט־די איינפאַכע אַרבעטער.

פונדעסטוועגן איז די דערקלערונג פאַר דעם נישט געווען אַזוי שווער ווי ס'האָט זיך געקאָנט אויסווייזן. איך האָב במשך פון כימעט צוואַנציק יאָר געלעבט זייער אייגן לעבן, צוזאַמען מיט זיי געטראָגן זייערע דאגות און זייער נויט און געטיילט מיט זיי זייערע חלומות און זייערע האָפענונגען אויף אַ בעסערער צוקונפט. איך האָב זיך באַטייליקט אין זייערע קאַמפן פאַרן טאָגטעגלעכן ברויט און איך בין געווען אימשטאַנד זיי איבערצוגעבן געוויסע גייסטיקע אוצרות, וועגן וועלכע זיי האָבן פריער נישט געוווסט און וועלכע האָבן אַריינגעברענגט אייניקע זונשטראַלן אין דער גרויער וואָכעדיקייט פון זייער דחקותדיקער עקזיסטענץ. מיט איין וואָרט: איך האָב זיי געגעבן דאָס, וואָס איך בין געווען אימשטאַנד צו געבן און איך האָב עס געטאָן מיט אינערלעכער שימחה, מחמת ס'איז נישט פאַראַן קיין פאַרלאָקנדיקערע דערשיינונג, ווי צו זען, צו באַאָבאַכטן, ווי דאָס זאָמענדל, וועלכעס מ'האָט אַליין פאַרזייט, גייט פּאַמעלעך אויף. זיי זיינען מיר דערפאַר געווען דאַנקבאַר, באשר זיי האָבן איינגעזען, אַז איך בין צו זיי אויפריכטיק איבערגעגעבן און אַרבעט צווישן און געבן זיי ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע.

ווייל סאָציאַלע אידעען זיינען נישט בלויז אָנווייזונגען פאַר אַ ווייטער צוקונפט; זיי מוזן אויך היינט שוין געפינען אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג אינעם פערזענלעכן לעבן פון זייערע אָנהענגער און געבן אַ באַשטימטן כאַראַקטער אַלע באַציונגען צו די מיטמענטשן, אויב זיי זאָלן

דערפילן זייער צוועק. און טאַקע אָט־די אינערלעכע מענטשלעכע נאָענטקייט איז עס געווען, וועלכע האָט אַרויפגעלייגט איר חותם אויף אַלע שטרעבונגען און כוונות פון דער פרייהייטלעכער באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער אין ענגלאַנד און זי געמאַכט אַזוי דערמוטיקנדיק און אַזוי מזל־ברכהדיק. די חברים פונעם אינערלעכן קרייז פון דער באַוועגונג זיינען געווען אַזאַ מין גרויסע פאַמיליע, אַזוי צו זאָגן, אַ מישפחה, וועלכע איז צונויפגעהאַלטן געוואָרן דורך אַזאַ מין טיף־דורכגעפילטן פריינטשאַפטלעכן פאַרהעלטעניש. אין אָט־דעם קרייז האָט געהערשט אַזאַ אינערלעכע שלום ושלווהדיקע אחדות אינעם דענקען און פילן, אַז זי האָט אַלעמען געמאַכט פעיק צו ברענגען די גרעסטע קרבנות, און אַנטוויקלט אַזאַ חברלעכע געמיטשטימונג, אַז איר אויפמונטערנדיקער, באַלעבנדיקער כוח איז אַריבערגעגאַנגען אויך צו אַנדערע און דערמיט געשטאַרקט דעם מאָראַלישן איינפלוס פון דער באַוועגונג. נאָר אַזוי אַרום איז צו דערקלערן דער פאַקט, וואָס זי האָט געקאָנט באַקומען אַזאַ אויסשפרייט און דער אומשטאַנד, וואָס אירע גייסטיקע אויסשטראַלונגען האָבן זיך געמאַכט אַזוי בולט פילבאַר אין ברייטע שיכטן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

ס'איז באַגרייפלעך, אַז מ'זאָל זיך גאַנץ אָפט אַרויסזאָגן וועגן סאָציאַלע באַוועגונגען לויט דער אַקטיוויטעט פון איינצלנע פערזאָנען, וועלכע זיינען אַדאַנק זייערע ספעציעלע פעיקייטן אַרויסגערוקט געוואָרן אינעם פאָדערגרונט און זיי זיינען דעריבער באַקאַנט פאַר אַלעמען. ס'איז אויך אומאָפפערגבאַר, אַז וואָס מער ווערטפולע גייסטיקע כוחות אַ באַוועגונג האָט אין איר רשות, אַלץ מער און בעסער איז זי אימשטאַנד אַריינצודרינגען מיט אירע שטרעבונגען און צילן אין נייע קרייזן. מ'דאַרף זיך אָבער, פונדעסטוועגן, היטן נישט צו איבערשאַצן צופיל דידאַקטיקע זאַכן; מ'טאָר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז דער אמתער לעבנסנערוו פון יעדער באַוועגונג דאַרף געזוכט ווערן אין פראָסט־פשוטער און אומפרעטענציעזער שוואַרצער אַרבעט פון אירע אַקטיווע אָנהענגער, וועמענס נאָמען ס'ווערט זעלטן־ווען אַרויסגעשטעלט און וועלכע פאַרבלייבן פאַרן זייטיקן אינעם רוב פון די פאַלן פולשטענדיק אומבאַקאַנט. אָן אָט־דער אומאויפהערלעכער און אומדערמידלעכער אַרבעט פון די אומאָנגערופענע און אומבאַקאַנטע וואָלט קיין שום באַוועגונג נישט געקאָנט עקזיסטירן און פראָספערירן. אין דעם האָב איך זיך אין משך פון מיין לאַנגיעריקער אַקטיוויטעט צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ענגלאַנד אַלץ מער איבערצייגט און דערמאָנט. איך האָב פון מיינע פעיקייטן זיכער געמאַכט דעם בעסטן באַנוץ; אָבער אָן דער געטרייער הילף פון אַזויפיל פשוטע אַרבעטער, וועלכע זיינען תמיד געווען גרייט צו ברענגען יעדן קרבן פאַר זייער אידעאַל, וואָלט איך קיינמאָל נישט געווען אימשטאַנד אויפצוטאָן עפעס, וואָס זאָל ווערט זיין דערמאָנט צו ווערן. איך שטרייך דאָס אויסדריקלעך אונטער דערפאַר, וואָס אַרום מיין נאָמען האָבן זיך שוין געשאַפן גאַנצע לעגענדעס, לויט וועלכע מ'שרייבט־צו אויף מיין חשבון אַזעלכע זאַכן, וועלכע איך וואָלט אַליין קיינמאָל נישט געווען אימשטאַנד צו באַווייזן. ס'איז ביי אונדז אויך געווען אַ קעגנזייטיקייט אין דער אַקטיוויטעט, וועלכע מ'טאָר קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן פונעם אויג, ווען מ'וויל זיך אַרויסזאָגן וועגן אַ באַוועגונג ווי עס באַדאַרף צו זיין. איך האָב געטאָן, וואָס איך האָב געקאָנט, אָבער אויך אַנדערע האָבן געטאָן דאָס נעמלעכע און טאַקע אָט־דאָס טאָר מען קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דאָס, וואָס יענע באַוועגונג איז לסוף געפאַלן אַ קרבן פון אַזעלכע אומשטענדן, אויף וועלכע זי האָט נישט געהאַט קיין איינפלוס, קאָן ביי נישט איינעם אַרויסרופן מעלאַנכאָלישע געדאַנקען; אָבער דאָס, וואָס זי האָט אויפגעטאָן קולטורעל און גייסטיק, וועט תמיד בלייבן אומפאַרגעסלעך. נישט נאָר דעם מענטשנס לעבן איז אויסגעשטעלט צו די כסדרדיקע ענדערונגען פון דער צייט, נייערט אויך דאָס לעבן פון באַוועגונגען. עס גייט נישט אין דעם, ס'איז נישט וויכטיק, ווי לאַנג אַ באַוועגונג האָט געקאָנט עקזיסטירן; עס גייט אין דער שעפערישער אַרבעט, וואָס זי האָט אויפגעטאָן; אין די געדאַנקען, וואָס זי האָט פאַרשפרייט און אַרויסגעבראַכט, און אין גייסט, מיט וועלכן זי האָט באַהויכט אירע אָנהענגער.

אַ באַזונדערע סאַטיספאַקציע פאַר מיר איז דאָס, וואָס איך האָב געהאַט דעם זכות בײַם סוף פון מײַן לעבן אַרויסצוברענגען די געשיכטע פון אָט־דער אַזוי סימפּאַטישער באַוועגונג פאַר די אָנגעהעריקע פון אַנדערע פעלקער און זײַ מיט איר נענטער באַקאַנט צו מאַכן. ס׳קאָן אפשר ווירקן סימבאָליש דער פאַקט, וואָס גראָד אויף מיר איז אויסגעפאַלן דער גורל צוצוגרייטן דידאָזיקע אַרבעט, אויף מיר, וואָס איך שטאַם־אָפּ פון אַ פאָלק, וועלכעס האָט במשך פון צוועלף יאָר צײַט דורכגעמאַכט דעם גיהנום פונעם אַזויגערופענעם דריטן רײַך. די באַרבאַרישע פאַרטרעטער פון אָט־דעם מאוימדיקן פאַרזעעניש פון אַ פּאָליטישן קאַניבאַליזם האָבן נישט נאָר אַרײַנגעשלײַדערט אַ האַלבע וועלט אין אַ תהום פון בלוט, טרערן און אומזיניקן חורבן, נײַערט זײ האָבן אויך מיט קאַלטער אויסרעכענונג אויפגעבראַכט פאַר אַ קרבן פון זייער ראַסן־משוגעת זעקס מיליאָן יידן און דערמיט גענומען אויף זיך אַ שולדיקייט, וועלכע קאָן שוין קיינמאָל נישט פאַרגעבן ווערן.

נו, איך האָף, אַז מײַן בוך וועט צושטעלן פאַרן יונגן דור אַזעלכע פּרטים, וואָס וועלן אים עפּעס לערנען. די אַלטע וועטעראַנען אָבער, וועלכע האָבן אַליין דורך־ און מיטגעלעבט יענע שײַנע קעמפערישע טעג פון אַ פאַרגאַנגענער צײַט און טאַקע אויך מיטגעקעמפט אין איר, פאַר זיי וועלן מײַנע אויספירונגען זײַן אַ געלעגנהייט נאָכאַמאָל איבערצולעבן זייער יוגנט. זיי שיק איך איבער מײַנע ברידערלעכע גרוסן איבער יבשה און איבער ימים און איך פיל זיך מיט זיי ענג פאַרבונדן ווי אַמאָל אין די טעג פון אונדזער גרויסער בענקעניש און לעכצעניש און פון די גאָלדענע חלומות פון אונדזער יוגנט. הלוואי זיי זאָלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז ס׳ווערט קיינמאָל נישט פאַרלוירן קיין שום זאַך פון דעם, וואָס מ׳טוט פאַרן גרויסן אידעאַל פון דער סאָציאַלער גערעכטיקייט, דער מענטשלעכקייט און פאַר דער באַפרייונג פון אַלע פעלקער.

רודאָלף ראָקער

קראָמפּאָנד, ניו יאָרק, יוני 1951

# רודאָלף ראָקער: דער מענטש, דער סאָציאַליסט, דער אייראָפּעער

— 1 —

די געאָגראַפישע און פּאָליטישע סביבה האָט שוין אין דער פריעסטער יוגנט אַרויפגעלייגט אַן אָפּשטעמפּלונג אויף רודאָלף ראָקערס כאַראַקטער און פערזענלעכקייט. זיין געבורטשטאָט, מאַינץ, געהערט צו יענע טיילן פון מערב־דייטשלאַנד, ווו דאָס פּאָלק איז אין טעמפּעראַמענט, גייסטיקע געוווינהייטן און פּאָליטישע באַגריפן נאָענטער צו די דרום־דייטשישע לענדער, באַדען און ווירטעמבערג (שטאַרק באַרירטע פון דעמאָקראַטישן גייסט), ווי צו דער מיליטאַריסטישער פּרייסן, וואָס האָט איבערגענומען די העגעמאָניע איבער אַלע דייטשישע לענדער נאָך דעם ניצחון איבער פראַנקרייך אין 1871. אין דער מאַינצער באַפעלקערונג, ווי אין דרום־דייטשישן פּאָלק ביכלל, האָט געלעבט אַן אַנטיפּאַטיע צו די פּרייסישע טראַדיציעס און אינסטיטוציעס. אויף ביסמאַרקס רעזשים האָט מען געקוקט ווי אויף אַ שטיק משוגעת, און בעת ראָקער איז נאָך געווען זייער יונג, האָט אַזאַ שפּאָט־לידל געלעבט אין פּאָלק:

דו ביסט פערריקט, מיין קינד!
דו מוזט נאָך בערלין,
וואָ די פעריקטען זינד,
דאָרט געהערסטו הין.

אַ זון פון האָרעפּאַשנע עלטערן, (וועלכע ער האָט פאַרלאָרן צו 10—11 יאָר, און אויסגעוואַקסן אונטער דער השגחה פון דער באָבע, אין די ווענט פון אַ פרום־קאַטוילישן יתומים־הויז, מיטן געוויינלעכן קאַזאַרמערעזשים פון גייסטלאָזער דיסציפּלין), און אַ לערביינגל ביי אַ בוכבינדער, האָט ראָקער טיף איינגעזויגן אין זיך אָט־די אַנטיפּרייסישע שטימונג, וואָס איז נאָך, אין גאַנג פון די יאָרן, כסדר ביי אים פאַרשטאַרקט געוואָרן. אין דער גרויסער גאַרניזאָן־ און פעסטונגשטאָט מאַינץ האָט ער שטענדיק, אַגב, געזען פאַר זיך די נאַקעטע ברוטאַלקייט פון פּרייסיש־דייטשישן מיליטאַריזם. פרי איז ביי אים רייף געוואָרן אַ שינאה צו יעדער טויטער דיסציפּלין און בלינדן געהאָרכזאַם. צוואַנג און אויטאָריטעט, קנעכטישע אונטערטעניקייט צו די גייסטיקע (רעליגיעזע) און וועלטלעכע (מלוכהשע) מאַכטהאָבער האָבן זיך פאַרן יונגן

רודאָלף, ווי מיר זעען, — שוין דורך די אומשטענדן פון זיין דערציונג און נאָענטסטער סביבה, — אַנטפלעקט אין זייער גאַנצער געשטאַלט. ס'זיינען אין זיין נשמה פאַר־פלאַנצט געוואָרן, דורך דעם גורל אַליין, די קערנער פון דער שפּעטערדיקער שטענדי־קער קעגנערשאַפט צו יעדן צוואַנג און אויטאָריטעט — סיי צו די, וואָס פאַרקערפּערן זיך אין קירכלעכן דאָגמאַטיזם און דיסציפּלין (רעליגיעזע טעאָקראַטיע), סיי צו די, וואָס ציען אויף זיך אַרויף דעם לבוש פון אַ פּאָליטישער, וועלטלעכער טעאָקראַטיע — פון שטאַטלעכן נאַציאָנאַליזם און אָפיציעלן פּאַטריאָטיזם.

צו 16־17 יאָר, אויב נישט נאָך פריער, איז ראָקער שוין באַאיינפלוסט געוואָרן דורך סאָציאַליסטישע אידעען, דווקא לויטן נוסח פון דער פּאָפּולערער דעמאָלסט (הגם געזעצלעך פאַרבאָטענער) סאָציאַלדעמאָקראַטישער, מאַרקסיסטישער שיטה. דאָס איז געווען דער פּראָלעטאַרישער סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד (פון די 1880ער יאָרן, אין די צייטן פון די גזירות פון „סאָציאַליסטן־געזעץ") אין זיין אומקלאָר־רעוואָלור־ציאָנערער און טעאָרעטיש־אינטערנאַציאָנאַלער פאָרעם.ביידע עיקרים — רעוואָ־לוציע און אינטערנאַציאָנאַליזם — פלעגן פון די יונגע אידעאַליסטן, און ראָקער איז געווען איינער פון זיי, אויפגענומען ווערן אפשר מיט דער זעלבער קדושה, אָבער צו פאַרווירקלעכן טאַקע דורך מעשים אין לעבן איז, פאַר די מוטיקסטע אפילו, געווען לייכטער נאָר איינעם פון די דאָזיקע צוויי עיקרים — דווקא דעם אינטערנאַציאָנא־ליסטישן אידעאַל. האָט ביים יונגן ר. ראָקער געלעבט אַ זייער שטאַרקער פאַרלאַנג צו באַקענען זיך מיטן לעבן, מיט די שפּראַכן און גייסטיקע וועלטן פון אַנדערע פעלקער, פון שכנישע לענדער. ער האָט פריצייטיק שוין איינגעזען, אַז אָן אַ נענטערער באַ־קענונג מיטן קולטור־לעבן און מיט די סאָציאַלע באַוועגונגען פון אַנדערע פעלקער קען מען די סאָציאַלע און גייסטיקע באַוועגונגען און צושטאַנדן אַפילו ביים אייגענעם פאָלק אויך נישט ווי געהעריק פאַרשטיין. אַזוי האָט, ביסלעכווייז, די שול פון לעבן גופא, די לאַנגע יאָרן אין אויסלאַנד און די דאָרטיקע סביבה צוזאַמען מיט די טענ־דענצן פון זיין יחידישן באַוווסטזיין געמאַכט פון ראָקערן אַ „גוטן אייראָפּעער", אַ גייסטיקן אָפּשפּראָץ פון יענעם פילצווייגיקן קולטור־שטאַם, וואָס הייסט אייראָפּעס גייסטיקע קולטור־טראַדיציע, פאַרקערפּערט אין אירע בעסטע זין.

און אויב אָט־דער אייראָפּעיזם זיינער איז אַ בלום אויפן בוים, וואָס הייסט רודאָלף ראָקער דער מענטש, איז דער סאָציאַליזם זיינער אוודאי אַ פּרי פון דעמזעלבן שטאַם. פון יאָר צו יאָר איז זיין סאָציאַליזם אַלץ טיפער, אָרגאַנישער, אינטימער פאַרקניפּט געוואָרן מיט זיין צוגעבונדנקייט, אַזאַ פּשוטער, נאַטירלעכער און האַרצי־קער, צו די שענסטע אידעאַלן פון מענטשלעכן גייסט — ווי פרייהייט, גלייכהייט, גערעכטיקייט, חשיבות, ערלעכקייט און אָנשטענדיקייט אין האַלטן און באַציען זיך לגבי די מיטמענטשן, ספּעציעל צו די שוואַכערע, די, וואָס זיינען אין דער מינדער־הייט. אין אַזאַ זין האָט מיט פופציק יאָר צוריק אָנגעהויבן זיך אַנטוויקלען, וואַקסן און בליִען ראָקערס סאָציאַליסטישער וועלטבאַנעם, פאַר וועלכן מענטשלעכקייט און נישט דער היסטאָרישער, אָדער וועלכער נישט איז אַנדערער, מאַטעריאַליזם איז געווען און פאַרבליבן דער טיפסטער יסוד.

גלייך נאָכן אַריינטריט, אַלס בוכבינדערגעזעל, אין פּראָדוקטיוון, זעלבסט־שטענדיקן לעבן, איז ביי אים אויפגעקומען אַ טיף גייסטיקע באַציונג צו אַרבעט, צו

מלאכה, אַלס לעבנספונקציע, — מער אינטואיטיוו, בחוש, ווי דורך טעאָריעס, וואָס האָבן אין ענגלאַנד דעמאָלסט שוין געווירקט אַדאַנק די לערעס פון דזשאָן ראָסקין און וויליאַם מאָריס אין דעם זין, אַז מלאכה קען און דאַרף דערהויבן ווערן צו דער מדרגה פון קונסט, און אַז אַרבעט דאַרף דעם אַרבעטער מאַכן נישט בלויז זאַט, און פאַרזיכערט מיט זיין עקזיסטענץ, נאָר אויך חשוב, שעפעריש און גייסטיק באַפרי־דיקט. מיט איין וואָרט: די מענטשן וועלן נישט קענען, קיינמאָל נישט קענען, זיין גליקלעך, אויב אין זייער אַרבעט גופא וועלן זיי נישט געפינען צופרידנקייט און גליק. און דאָס ווידער מיינט, אַז די אַרבעט דאַרף אויסגעפירט ווערן מיט אַ מין קינסטלערישער דערהויבונג פון דער נשמה.

און ראָקער, דער פרייהייטליבנדער מענטש און עטישאינספירירטער סאָציאַליסט, דער „גוטער אייראָפּעער” — אַ פאָרשער, קענער און געניסער פון די פיינסטע פראָ־דוקטן פון אייראָפּעישן גייסט אין אַלע זיינע קולטור־פאָרמען, האָט זוכה געווען נישט בלויז צו באַרייכערן זיין אייגענעם גייסט מיט אומשעצבאַרע אוצרות פון דער ליטע־ראַטור און וויסנשאַפט, פון דער אַלטער און נייער קונסט; — נאָר גרויסע טיילן פון זיין גייסטיקן רייכטום האָט ער אָפּן געטיילט, מיט אַ ברייטער האַנט, צו אַנדערע — און איז, ווי דער שטייגער, דערפון נישט אויף אַ האָר אָרעמער געוואָרן! — דערהויבנדיק זיינע מיטמענטשן, טויזנטער פון זיינע יידישע חברים, צו אַלץ העכערע מדרגות פון אויפקלערונג און גייסטיקער באַרייכערונג.

— 2 —

די יאָרן, ווען דער יונגער ראָקער האָט אויספאָרמירט זיין סאָציאַליסטישן וועלט־באַנעם, די צייט צווישן 1886 און 1891, איז געווען, ווי געזאָגט, דער פעריאָד פון „סאָציאַליסטן־געזעץ”, וואָס האָט געצוווּנגען די דייטשע סאָציאַליסטישע באַוועגונג צו פירן אַן אונטערערדישע עקזיסטענץ. און דעמאָלט שוין, טאַקע אפשר אונטערן דרוק פון שטאַטלעכן דעספּאָטיזם (ווי שפּעטער — אין צאַרישן רוסלאַנד), האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט יענע צוויי שטרייטנדיקע צווישן זיך ריכטונגען, וואָס האָבן דערפירט די לערך יונגע באַוועגונג צו אַ שפּאַלטונג שוין אויפן היסטאָרישן ערפור־טער פאַרטייטאָג (אָקטאָבער, 1891). די „יונגע” (שפּעטער באַקאַנט אונטערן נאָמען „אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן”) האָבן נאָך דער לעגאַליזירונג פון דער סאָציאַלדע־מאָקראַטישער פאַרטיי (יוני, 1890) אַרויסגעגעבן פון זייערע רייען אַ צאָל פרייהייט־לעכע סאָציאַליסטישע וואָרטפירער, וואָס אין נאָענטע, חברשע באַציונגען איז צו זיי צוגעשטאַנען דער יונגער ראָקער. דעם שווערן מזל זייערן — אויסשליסונג פון דער פאַרטיי — האָט אויך ראָקער נישט געקענט אויסמיידן, בעת ער איז אינגאַנצן 19 יאָר אַלט געווען; זיינע פריסאָציאַליסטישע אָנזיכטן זיינען געווען אַפּיקורסות אין די אויגן פון די קאָנסערוואַטיווע, פאַרטיי־ביוראָקראַטישע גדולים.

אַ סך גרונדגעדאַנקען פון זיין שפּעטערדיקן סאָציאַליסטישן אַני־מאמין האָבן שוין אַ היפש קלאָרע פאָרעם אָנגענומען אין יענער צייט, נאָך דעם ווי ער האָט פאַר די אויגן, און אויפן אייגענעם קערפּער, געזען און געשפּירט די אכזריות פון פאַרטיי־דעספּאָטיזם, פון ביוראָקראַטיש־פּאַרלאַמענטאַרישער טיראַניי און פון אַבסאָלוטיסטי־

שער אומטאָלעראַנץ, וואָס איז פאַר אַ פרייען גייסט געווען פונקט אַזוי מיאוס, אַלצ־איינס צי געקומען איז זי פון רעכטס, צי פון לינקס — פון דעם קייזערלעכן רעזשים, צי פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרלאַמענטאַרישער פּראַקציע.

איז, ווי ראָקער האָט אונדז איבערגעגעבן, שוין דעמאָלסט אים קלאָר געוואָרן ווי דער טאָג, אַז דער ווילן צו מאַכט און דער געפיל פון פרייהייט שטייען, אַזוי צו זאָגן, אין אַ פאַרקערטער פאַרהעלטעניש, דאָס מיינט, וואָס קלענער ס׳ווערט ביי די „פירער" דער חוש און זין פאַר פרייהייט, אַלץ גרעסער ווערט דער ווילן צו מאַכט, און צוזאַמען מיט אים אויך דער דעספּאָטיזם, די אונטערדריקונג, אומטאָלעראַנץ און אַבסאָלוטיסטישע ווילקיר.

די דערפאַרונגען אין די קריטישע יאָרן פון 1886־1895, ווען דער „צווייטער אינטערנאַציאָנאַל" האָט אָנגעהויבן זיין 25יעריקע עקזיסטענץ, און ראָקער האָט יענע יאָרן פאַרבראַכט אין סאַמע צענטער פון דער סאָציאַליסטישער אָרענע — אין מערב־דייטשלאַנד און פּאַריז, האָבן פאַר אים קלאָר געמאַכט איין גרויסן כלל, דהיינו: דער סאָציאַליזם וועט זיין פריי, אָדער ער וועט איבגאַנצן נישט זיין, וואָס קען דינען פאַר אַ מאָטאָ צו זיין סאָציאַליסטישן אַני־מאמין ביזן היינטיקן טאָג.

נייטיק איז בלויז צו באַקענען זיך מיט די טעאָרעטישע קעגנזאַצן צווישן די דעמאָלסטיקע „יונגע" סאָציאַליסטן אין דייטשלאַנד, פון איין זייט, און דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „אַלטער גוואַרדיע", ווי בעבעל, וו. ליבקנעכט, פאָלמאַר, פישער און אַנדערע פון דער צווייטער זייט, און ס׳וועט פאַר אייך גלייך קלאָר ווערן, אַז די שפּעטערדיקע ירידה, דער באַנקראָט און זעלבסטמאָרד פון דער פריער כלומרשט מעכטיקער סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין דייטשלאַנד איז אין גרונט פאָרגעצייכנט, פאַר־באַשטימט געוואָרן שוין מיט יאָרן פאַר דעם אויפקום פון דער רעפאָרמיסטישער רעוויזיאָניסטישער ריכטונג נאָך 1900. יענער היסטאָרישער קאַמף פון 1890־1892 אין די רייען פון די דייטשע סאָציאַליסטן, וווּ אויך ראָקער איז געווען אַ מוטיקער קריגער, — אַ קאַמף פאַר אַן ערלעכן, אויפריכטיקן, פּראָגרעסיוון און קאָנסטרוקטיוון סאָציאַליזם קעגן דעם אַבסאָלוטיסטיש־דאָגמאַטישן, שטאָט־פאַרהערלעכנדן און פאַר־לאַמענטאַריש־אָריענטירטן פּאַרטיי־סאָציאַליזם, האָט ראָקערן געפירט צו אַ דער־קענטעניש פון איין קאַרדינאַלן אמת, נעמלעך: עס וועט קיין גוטס פאַרן סאָציאַליזם נישט אַרויסקומען, אויב זיינע פירער און וועגווייזער וועלן צוליב פּאָליטיקאַנישע ספּעקולאַציעס כסדר ציען צו אַ קאָמפּראָמיס מיט דער אומקלאָר־דענקענדער מאַסע, אויפן חשבון פון יענע ערלעכע, עטישהויכע פּרינציפּן. ווייל דווקא אויף זיי איז דאָך דער סאָציאַליזם פון אָנהויב אָן געווען באַזירט, אָבער די „פירער" אַליין האָבן זיי פאַרגעסן אָדער פאַרשאַכערט און פאַראַטן.

געהאַנדלט, אמת, האָט זיך אין יענער צייט וועגן זאַכן, וואָס קיין גרויסע היס־טאָרישע באַדייטונג האָבן די מעכטיקע פּאַרטייהערשער נישט געוואָלט אין זיי זען — שוואַכע, אומבאַהאָלפענע גרופּעס פון ערלעכע, ענטוזיאַסטישע גלויביקע רעוואָלו־ציאָנערע סאָציאַליסטן־אינטערנאַציאָנאַליסטן אין קאַמף מיט דעמאָלסט שוין אַ זייער מעכטיקער פּאַרטיימאַשין. דאָך אָבער מוזן מיר באַוואונדערן היינט, ווי גרינטלעך, ווי טיף עטלעכע וואָרפירער פון יענע קליינע גרופּן האָבן פאַרשטאַנען די קערנדיקסטע פונקטן, אַרום וועלכע יענער סיכסוך, פון פאַר 50 יאָר, האָט זיך געדרייט, און וועלכע

זיינען, אין דער פולער באַדייטונג זייערער, אויפגעשטיגן פאַרן סאָציאַליזם ערשט איצט און דאָס מיינט — אין אַ וועלט, וואָס איז צעטרייסלט געוואָרן דורך צוויי וועלט־מילחמות. מיר אַלע הייבן ערשט איצט אָן צו זען, ווי די וועלט ווערט באַקערט, מוז באַקערט ווערן, צו אונדזערע פרייהייטלעך־סאָציאַליסטישע אידעען מכוח דעמאָקראַטיע (אַז דעמאָקראַטיע איז עפּעס אַנדערש, מער פון אַ סיסטעם, ווו די מאַיאָריטעט מעג דעספּאָטיש הערשן איבער אַ מינדערהייט; אָדער — אַז געוויסנפראַגן ווערן נישט פאַרענטפערט דורך ציפערן און צאָלן פון פּאַסיוו־אָפּגעגעבענע שטימען בעת פּאָליטישע וואַלן א.ד.גל.).

אָט די אַלע פּראָבלעמען, וואָס שטייען אין מיטלפּונקט פון אונדזער צייט, האָבן שוין ראָקערס געמיט און מוח באַשעפטיקט מיט 50 יאָר צוריק. זיי האָבן באַשטימט זיין אויסגעקליבענעם וועג אויף 40־50 יאָר אין פאָרויס, אַלס סאָציאַלטעאָרעטיקער און בויער פון אַ נייער, אַלטנייער (ענלעכער אין פיל פּרטים צום ערשטן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל אין די צייטן פון באַקונין און זיינע פריינט) ריכטונג אין סאָציאַליזם. פון זיין כימעט ערשטן באַוווסטזיניקן טאָג אין דער אַרבעטער־ און סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט זיך זייער טיף איינגעקריצט אין זיין גייסט א ריי עיקרים, וואָס לעבן און ווירקן אין אים ביזן היינטיקן טאָג. אָט זיינען אַ פּאָר פון זיי: „די מענטשלעכע געזעלשאַפט אָן געראַכטיקייט איז געגליכן צו אַ קערפּער אָן אַ נשמה“, אָדער „די פראַגן פון מענטשלעכן געוויסן קאָנען נישט און טאָרן נישט באַשטימט אָדער דיקטירט ווערן דורך אַ מערהייט פון שטימצעטלען“; אָדער „די מענטשלעכע ווירדע און דער גלויבן אין דער אייגענער קראַפט זיינען ווירקזאַמערע כוחות פאַר אַ סאָציאַלן איבערבוי און פאָרטשריט, ווי די גייסטלאָזע פּאַרטיידיסציפּלין אָדער דער בלינדער גלויבן און צוטרוי צו פירערס און פירערלעך, וואָס וועלן שוין „אויסקעמפן“ פאַרן אַרבעטער, דורך פּאַרלאַמענטאַרישע געזעצן, אַן אויסלייזונג פון פּאָליטישן, סאָציאַלן און עקאָנאָמישן יאָך“.

מיר קוקן איצט אויף דער לאַנגער קייט עטאַפּן, וועלכע ראָקער האָט אין זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג געהאַט דורכגעמאַכט און זעען היינט פּאַרטיקע אָנזיכטן, און ער דערציילט אונדז פון צייט צו צייט, ווי ער האָט זיך דורכגעראַנגלט צו זיינע אורטיילונגען און פּרינציפּן. ווייסן מיר, אַז שוין פון די ערשטע טעג כימעט איז די אָריענטאַציע, די ריכטונג געווען אַזאַ, וואָס האָט מיט דער צייט אים געמוזט דערפירן צו אָט די אַנטיאויטאָריטאַרישע, אַנטיאַבסאָלוטיסטישע אָנזיכטן זיינע. אָבער אין לויף פון גייסטיקן וווקס און אינערלעכן געראַנגל איז דער פּראָצעס אוודאי נישט געגאַנגען אינגאַנצן גלאַט און פון זיך אַליין. געמוזט האָבן ווירקן טיפע און סטימולירנדיקע איינפלוסן; חוץ ווירקונגען פון דעם אָדער יענעם גרויסן גייסט, צוזאַמען מיטן אינטענסיוון אינערלעכן פּראָצעס פון זעלבסטקריטיק, פון אַן אינטעלעקטועלן דין־וחשבון און קריטיש־באַוווסטזיניקן נאָכדענקען, לייענען און לערנען, זיינען געוויס געווען אַ סך גרעסערע און קלענערע ווענדפּונקטן אויף אָט דעם גייסטיקן וועג ראָקערס, וואָס וועלן ערשט פון זיין פולער אויטאָביאָגראַפּיע קענען זיין אַן „אָפענער בוך“ פאַר יעדן לייענער. דערווייל ווייסן מיר בלויז פון אַ פּאָר אַזעלכע מאָמענטן

אין זיין לעבן. זיינען זיי טאַקע פון גרעסטן אינטערעס פאַר אַלע זיינע תלמידים, חברים און פריינט.

איינער, למשל, אַ ווענדפּונקט אַזאַ אויף דעם וועג צו אַ פולער, ריכטיקער פאַרשטאַנענעם סאָציאַליזם איז געווען ראָקערס בייזיין אויפן צווייטן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין בריסל אין יאָר 1891. באַזונדערס אַנטשיידנדיק האָט אויפן 18־יאָריקן ראָקער דאָרט געווירקט דער מוטיקער אַרויסטריט פון גרויסן האָלענדישן סאָציאַליסט (שפּעטער — אַנאַרכיסט) דאָמעלאַ ניואווענהויז — אַן אויסגעשפּראָכענער עטישער סאָציאַליסט און אַנטי־מיליטאַריסט. דער שאַרפער צוזאַמענשטויס צווישן ניואווענהויזן און ליבקנעכטן, ווען דער בראַווער קעמפער פאַרן סאָציאַלן יושר און העכערן מענטשלעכן אמת, אין גייסט פון פרייהייט און פעלקערשלום, האָט געשטורעמט קעגן דעם באַרימטן גדול פון דער דייטשער שטאַטלעךאויטאָריטאַרישער, די פּאַרטיידיסציפּלין און די פּאַרלאַמענט־דערפּאָלגן פאַרגעטערנדער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, מיט איר ביוראָקראַטישן פּאַרטיידעספּאָטיזם און אומטאָלעראַנץ לגבי אַלע אויפריכטיקע פרייהייטלעכע, רעבעלישע גייסטער אין דער באַוועגונג פון די „יונגע״ — דאָס אַלץ האָט אויף ראָקערן געלאָזן אַן איינדרוק בוכשטעבלעך אויפן גאַנצן לעבן.

נאָך יענעם קאָנגרעס און די באַגעגענישן אין בעלגיע מיט עטלעכע דייטשע חברים, הערשאַפטלאָז־סאָציאַליסטישע טוערס מיט שטענדיקע פאַרבינדונגען צו די דייטשע אַנאַרכיסטישע גרופּן אין ענגלאַנד און אַמעריקע, איז ערשט אומצעשטערבאַר פּאַרפעסטיקט געוואָרן ראָקערס צובונד צו דער פרייהייטלעך־סאָציאַליסטישער אידעענוועלט, ווי זי איז פאַרקערפּערט געוואָרן אין די אידעאַלן און לערעס פון פּרודאָן, באַקונין און קראָפּאָטקין.

מיר זעען דאָ ווידער ווי טיף און אָרגאַניש דאָס סאָציאַליסטישע אין רודאָלף ראָקערן איז פאַרבונדן מיט דער הויכער מדרגה פון זיין מענטשלעכקייט פון איין זייט, און מיט דער פולקאָמענער אייראָפּעישקייט זיינער, פון דער צווייטער זייט. עס ווערט קלאָר פון ערשטן בליק, אַז פאַר אַזעלכע סאָציאַליסטן ווי ראָקער (און ענלעכע צו אים — אַ וויליאַם מאָריס, אַ קראָפּאָטקין, לאַנדויער א. ד. גל.) איז דער סאָציאַליזם נישט קיין פּאַרטיי־עיניין, נישט קיין אויסדרוק פון קלאַסנקאַמף אָדער בלויז אַ געיעג נאָך סעקציאָנעלע אָדער פּראָפעסיאָנעלע (געווערקשאַפטלעכע) געווינסן און פאָרצוגן — הגם דווקא רודאָלף ראָקער, ווי אויך זיין הויפּטלערער אין אַנאַרכיסטישער טעאָריע, קראָפּאָטקין, לייגן אַ ביז גאָר גרויסן געוויכט אויף דעם סינדיקאַליסטישן, פרייהייטלעכן אַרבעטערקאַמף אויפן עקאָנאָמישן און אינדוסטריעלן געביט.

און דאָך איז דאָס בפירוש אַ סאָציאַליזם, וואָס איז געבויט איבערן פעלזןפונדאַמענט פון די מענטשלעכקייט־אידעאַלן און נישט אויפן וואַקלדיקן, אומבאַשטימענדיקן פונדאַמענט פון כלומרשט־רעאַליסטישע, מאַטעריעלע לוינאינטערעסן פון דער אָדער יענער אַרבעטערגרופּע.

און פון דער צווייטער זייט שעפּט דער סאָציאַליזם ראָקערס פון גאָר אַ סך

איירראָפּעישע קוואַלן פאַראַמאַל — פון דעם מאָנומענטאַלן אויפטו, פון באַפריי־אונגג־טריאומף פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע און פון די צווייטע סאָציאַלע דענקער אין פראַנקרייך, וואָס האָבן די אידעען פון דער גרויסער רעוואָלוציע פאָרטגעזעצט אויפן עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און פּאָליטישן געביט — סען סימאָן און פּרודאָן; פון די צוויי רוסישע רעוואָלוציאָנערן און איירראָפּעישע גייס־טיקע העלדן — באַקונין און קראָפּאָטקין; פון האָלענדישע, ענגלישע, שפּאַנישע און איטאַליענישע דענקער און פאַרשער — אין צוגאָב צו די גרויסע נביאישע קעמפער פּאַר אַ באַנייטן, באַפרייטן דייטשישן פאָלק, וואָס וועט ענדלעך האָבן פון זיך אַראָפּ־געוואָרפן אַלע קייטן פון אויסערלעכן און אינערלעכן אויטאָריטעט, דעספּאָטיזם און טיראַניי. אָט די אַלע גייסטיקע איינפלוסן און קוואַלן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן, ווי די שטראַלן אין איין ברענפּונקט, אין ראָקערס סאָציאַליסטישער פילאָזאָפיע און אין זיין גרויסן גייסטיקן סינטעז פון נאַציאָנאַלע קולטורן און אַלמענטשלעכע אידעאַלן.

— 3 —

סיי די טעאָריע פון סאָציאַליזם, סיי די פּראַקטיק פון סאָציאַלן קאַמף האָבן ראָקערן געלערנט, אַז דער סאָציאַליסטישער אידעאַל און די באַוועגונגען, וואָס פּאַר־קערפּערן אים, זענען די פאָרטזעצונג פון איינער פון די וויכטיקסטע און פרוכטבאַר־סטע איירראָפּעישע טראַדיציעס, דאָס הייסט אַ פּראָדוקט און נאַטירלעכער רעזולטאַט פון דער איירראָפּעישער גייסטיקער און סאָציאַלער קולטור־אַנטוויקלונג אין די לעצטע 500 יאָר, אָנהייבנדיק מיטן רענעסאַנס, רעפאָרמאַציע, קאַמף קעגן מלכים־טיראַנען אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, ראַציאָנאַליזם, רעפּובליקאַניזם און ליבעראַליזם. אַזאַ קוק אויפן סאָציאַליזם איז אויך מיילן־ווייט פון דער דאָגמאַטיש־מאַרקסיסטישער אָנזיכט, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז דער פאָרגענגער פון דער נייער געזעלשאַפט. פיל נאָענטער איז ראָקער אין אָט־דעם פּונקט צו די אידעען פון פּרודאָן, וואָס האָט גע־קוקט אויף דעם קאַפּיטאַליזם ווי אויף דער „מאָנאַרכיע אין דער עקאָנאָמיק״, ווי אויפן מאָדערנעם דעספּאָטיזם, וואָס פאַרשקלאַפט די אַרבעטנדיקע מענטשהייט אַנדערש, אָבער אפשר נישט ווייניקער, ווי די אַמאָליקע שקלאַפעריי אָדער דאָס לייב־אייגנטום, מחמת דער קאַפּיטאַליזם איז דער לעצטער רעשטל פון דער אַלטער סיסטעם פון רויב און שווינדל.

דאָס איירראָפּעישע אין ר. ראָקערן האָט אים, אויף אַ דירעקטן און גלייכן וועג, געמוזט פירן צו דער אידעע פון פעדעראַליזם און דעצענטראַליזאַציע, די צוויי גרונט־יסודות פון אַ פרייען, צוקונפטיקן צוזאַמענלעבן פון די איירראָפּעישע פעלקער. ער האָט אין זיינע גרינטלעכע שטודיעס מכוח דער פאַרגאַנגענהייט פון אָט די פעל־קער, פון זייערע פּראַכט־עפּאָכעס, די געבענטשטע צייטן פון גייסטיקער און עטישער צעבליונג, געקענט לערנען, אַז דווקא די לאָקאַלע און ראַיאָנע אויטאָנאָמיע, די פולע זעלבסטפאַרוואַלטונג און זעלבסטבאַשטימונג פון שטעט און קליינע טעריטאָריעס,

האָט געפירט צו אַ פולער און פרייער אַנטוויקלונג פון שעפערישקייט אין אַלע געביטן (קונסט, וויסנשאַפט, עקאָנאָמיק און ציווילער פרייהייט־מוט), ווי דאָס איז געווען אין געוויסע צייטן פון מיטל־עלטער און אפילו אין דער נייער צייט. און פאַרקערט — די פּאָליטישע צענטראַליזאַציע, שטאַטלעכער וווקס אין אַן אומענדלעך־גרויסער מאָס, האָט דווקא שטענדיק געטריבן צו דער ירידה פון די אַמאָל שעפערישע ישובים, לענדער און טיילן גאַנצע פון אייראָפּע, וואָס זענען נאָך אַזעלכע קאַטאַסטראָפעס שוין מער צו זיך קיינמאָל נישט געקומען.

פאַר אַ גוטן אייראָפּעער פון אַזאַ מין, דאָס הייסט אין דעם זין פון וואָרט ווי ס'האָבן אים פאַרשטאַנען אַזוינע דערהויבענע דייטשישע גייסטער ווי היינע אָדער ניטשע איז דער סאָציאַליזם אַן אינעווייניקסטע באַדערפעניש, אַ העכערע שטופע אין דעם טויזנטיעריקן גאַנג פון דער אַנטוויקלונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן שוין אין פרימאָרגן פון מיטלאַלטער, וואָס האָט אין זיין לאַנגער געשיכטע געהאַט אַזוי פיל גייסטיקע איבערנאַציאָנאַלע פאַקטאָרן (בילדונג, קירך, קונסט־טראַדיציעס א. אַ. וו.), און וואָס האָט אין זיינע שאַפונגען, דערהויפּט אין דער אַרכיטעקטור, דערגרייכט אַ רום, וואָס קען אפילו אין דעם איצטיקן חורבן פון די שטיין־בנינים דורך באַמבעס פון הימל, דאָך נישט צעשמעטערט ווערן. אַ פעדעראַטיווע אייראָפּע אויף סאָציאַליסטישע יסודות — מיט אַזאַ אידעאַל האָבן געלעבט די גרויסע וועגווייזער פון פרייהייטלעכן סאָציאַליזם — אַ פּרודאָן, באַקונין און קראָפּאָטקין, און אין אונדזער צייט איז רודאָלף ראָקער דער גלענצנדיקסטער און באַקאַנטסטער פאַרטרעטער און פאַרקעמפער פון אָט דעם אידעאַל, וואָס אָן זיין פאַרווירקלעכונג קען קיין פעלקער־שלום קיינמאָל נישט געמאָלט זיין.

ראָקער זעט, בכן, אין סאָציאַליזם דעם פאַרבינדנדן צעמענט, וואָס קען אייראָפּע אויף אַ נייעם קאָן ווירקלעך ברענגען צו אַ הויכער שטופע, ענלעך צו די שענסטע פעריאָדן פון דער פאַרגאַנגענהייט. דער דאָזיקער סאָציאַליזם, ווי ער גלויבט, וועט אָבער נישט זיין דער דאָקטרינערער, אַבסאָלוטיסטישער סאָציאַליזם פון אַ לאַסאַל אָדער מאַרקס, וואָס האָט נישט און קען נישט האָבן די סטימולירנדיקע קראַפט צו פאַרבייטן די אַלטע דעספּאָטיזמען דורך אַ נייעם סדר פון פרייהייט און גלייכהייט, באַזירט אויף גערעכטיקייט און סאָלידאַריטעט. פאַרקערט, יעדער סאָציאַליזם, וואָס האַלט פון אַבסאָלוטיזם פון דער אידעע, ווי למשל דער פאַטאַליזם פון קאַרל מאַרקס און דער פירערפּרינציפּ פון פ. לאַסאַל, מוז שטענדיק, מיינט ראָקער, פירן אויך צום אַבסאָלוטיזם אַלס פּאָליטישע סיסטעם, צו דיקטאַטור און דעספּאָטיזם. אָט פאַרוואָס דער געוואָלט־רעזשים, דער שטאַטקולט, פון די יאַקאָבינער בעת דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט אונטערגעגראָבן דעם פולן דערפאָלג פון דער סאָציאַלער און פּאָליטישער רעוואָלוציע אין פראַנקרייך. ער האָט בלויז געפירט צום דעספּאָטיזם פון נאַפּאָלעאָנען, אָט דער ערשטער פאָרגעגער פון פאַשיזם אַלס אַ פּאָליטישער פאַרזעעניש־רעזשים, וועלכער האָט סוף־כל־סוף געטריבן גאַנץ אייראָפּע צום איצטיקן חורבן. דאָס מיינט: סיי אין גליק, סיי אין אומגליק איז דער שיקזאַל פון אייראָפּע אַן איינהייטלעכער, ווייל אין גרונט איז אייראָפּע אַ גייסטיקע

איינהייט, איין גאַנץ באַשטימטער און דורך הונדערטער יאָר געשיכטע אויסגעשמידטער קולטורקרייז פון געמיינזאַמע אינטערעסן און שטרעבונגען.

דער דאָזיקער הערלעכער, אויפגעקלערטער פאַן־איראָפּע־גייסט, וואָס פילט אָן פיל הונדערטער אַרטיקלען ראָקערס און איז זייער אָפט אַריינגעבראַכט געוואָרן אין זיינע לעקציעס, שליסט אָבער נישט אויס ביי ראָקערן אַ געוויסע עמאָציאָנעל־אינטימע, געלייטערטע ליבע צום היימישן ווינקל, צום געבוירן־לאַנד און צום אייגענעם פאָלקסשטאַם. וועגן אָט דעם עיניין האָט ער אין אַ בריוו צום שרייבער פון אָט די שורות (נאָך אין נאָוועמבער, 1943) אויסגעדריקט עטלעכע אינטערעסאַנטע געדאַנקען, וואָס איז כדאי דאָ (פון ראָקערס דייטשישן אָריגינאַל) איבערצוזעצן אין יידיש, ווי פאָלגט:

„היינע האָט אין זיינע געדיכטן און אויך אין זיין פּראָזע הונדערטער שטעלעס, וואָס ווייזן קלאָר, ווי טיף ער איז צוזאַמענגעוואָקסן מיט דער עלטערער דייטשער קולטור... אויך בערנע, זשאַן פאול ריכטער, העלדערלין און אַ סך אַנדערע, האָבן צו זייערע לאַנדסלייטס קעפּ אויסגעלאָזן זייער פיל אומאַנגענעמע אמתן. היימאַטליבע, זעט איר, איז טאַקע גאָר אַן אַנדער זאַך ווי פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַליזם, וואָס זיי דערשטיקן אין אַ פאָלק גראָד דאָס בעסטע, באשר זיי פאַרזוכן צו רעדוצירן אַלץ צו איין באַשטימטער פאָרם, צו אַ סטאַנדאַרד. ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער געבוירנפּלאַץ זאָל בלייבן אַ שטילער טעמפּל, וואָס פילט אָן די נשמה מיט שטומער בענקשאַפט און רירט־אָן די פאַרבאָרגענע סטרונעס פון האַרצן. אַן אינערלעכע פאַרבינדונג האָט נישט אָבער דער היימאַט־געפיל נישט מיט מאַכט־פּאָליטיק, נישט מיט נאַציאָנאַליסטישער מעכאַניזירונג. ער איז דער קעגן־פּאָלוס פון יעדער פּאַטריאָטישער שטרעבונג...

„...דווקא די דערמאָנטע מענער: היינע, בערנע, העלדערלין און אַנד. האָט דייטשלאַנד צו פאַרדאַנקען דאָס טיפסטע, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון דער פאָלקס־נשמה און האָט זיך צעבליט (דורך דער זשעניע פון די דערמאָנטע דייטשן). זיי האָבן געגעבן דייטשלאַנד און דער וועלט דאָס, וואָס קיין פרידריך דער גרויסער, קיין ביסמאַרק און קיין היטלער האָבן זיי נישט געקאָנט געבן, ווייל זיי, די שאָוויניסטן, האָבן פון יענעם אמת־דייטשן אינהאַלט, פון די גרויסע פּאָעטן, אפילו קיין שפּור נישט אַרויסגעבראַכט. דאָס גילט נישט נאָר פאַר דייטשלאַנד, נאָר אויך פאַר יעדן פאָלק. מ'באַפליגלט נישט דעם גייסט פון אַ פאָלק און מען פאַרשטאַרקט נישט דעם אינעווייניקסטן גליק פון די מענטשן, פאַרוואַנדלענדיק די וועלט אין אַ פון רויך אַרוימגעצויגענעם שלאַכטפעלד און דינענדיק, דורכן בלוט פון מיליאָנען מענטשן, דעם משוגענעם ערגייץ פון מאַכט און באַהערשונג. ווער ס'טוט דאָס, בלייבט בלויז אַ היימלאָזער בעטלער, אפילו ווען דער שיקזאַל לייגט אים אַרויף אויפן קאָפּ די קרוין פון דערפאָלג.

„די מערדער פון גייסט זיינען די שונאים פון אַלע פעלקער, ווייל דער, וואָס שמידט־איין זיין אייגן פאָלק אין קייטן, איז שטענדיק גרייט איינצושפּאַנען אויך די גאַנצע וועלט אין יאָך פון שקלאַפעריי. „לויט זייערע פרוכטן זאָלט איר זיי דערקענען!". אויפן בלוטיקן פעלד פון טיראַניי געדייעט בלויז בלוט און טיראַניי. אָבער אויפן פעלד פון גייסט געדייעט דער גייסט, וואָס ווערט אייביק אויפסניי געבוירן און פלאַטערט, אויף זיינע פון פרייהייט אָנגערעגטע פליגלען, איבער גאָר דער וועלט, כדי צו באַשיצן דאָס הייליקסטע אין מענטשנטום. דעריבן באַשטייט די גרויסקייט פון געטע, היינע, העלדערלין און פון הונדערטער אַנדערע, וואָס זייערע שטימען ווערן היינט פאַרשלונגען דורך דעם בלוט־רעש פון באַרבאַריי, ביז די צייט וועט קומען, ווען זייערע ווערטער וועלן דערוואַכן צו נייעם לעבן און מיטהעלפן צו גרינדן אַ נייעם מענטשנטום."

און אין תוך האַנדלט זיך אין רודאָלף ראָקערס סינטעז פון סאָציאַליזם און אייראָפּעערטום טאָקע אין דער שאַפונג פון אַ נייעם מענטשן, פון אַ נייער מענטשהייט, וואָס קאָן, ווייל זי איז דערצו באַרופן, פאַרווירקלעכן די פיינערע, געלייטערטע סאָציאַלע אָרדענונג, צו וועלכער מיר אַלע שטרעבן. איינער פון אַזוינע נייע מענטשן, אַ לעבעדיקער טרעגער פון דעם סינטעז אייראָפּע און סאָציאַליזם, איז אויך אונדזער ראָקער. ער איז צום גליק נישט דער איינציקער, הגם גאַנץ געוויס איינער פון די פעיקסטע, געהויבנסטע, גלענצנדסטע. זיי זיינען דאָ היינט, זיי זיינען נעכטן געווען און וועלן שטענדיק נאָך זיין — מענטשן פון אַלע פעלקער, אין אַלע לענדער. אפילו איצט, אונטער די פאַר אַלע מענטשן גרויליקע אומשטענדן פון דער צייט, טאָר מען דעריבער נישט זאָגן: רודאָלף ראָקער איז דער איינציקער „גוטער דייטש". זאָגט נישט: ווו זיינען נאָך אַזוינע ווי ער, אַזוינע געלייטערטע, אַלטרואיסטישע כאַראַקטערן — צווישן די דייטשן דאָ אין אַמעריקע, למשל? מיר וועלן נישט אָנרופן נאָך אַזוינע, הגם עס קען נישט גאַנץ שווער זיין זיי צו געפינען. אָבער איינעם אַ היגן דייטש פון דעם געהויבענעם מענטשן־טיפּ, פון אַ דור אָדער צוויי צוריק, וועלן מיר אָנרופן: דזשאָן פּיטער אַלטגעלד — אַליין אַ געבוירענער אין דייטשלאַנד און אַ נאַטוראַליזירטער אַמעריקאַנער, וואָס איז געווען גובערנאַטאָר פון אילינאָיז (1893—1897), און האָט מיט זיינע זייער פּראָגרעסיווע רעפאָרמען, מיט זיין געפיל פאַר סאָציאַלן יושר, און באַזונדערס דורך זיין באַפרייונג און ריינוואַשונג פון די דריי געראַטעוועטע שיקאַגער מאַרטירער, געצויגן צו זיך אַ כשר־פאַרדינטן אומבאַגרענעצטן רעספּעקט פון אַלע פרייהייטליבנדיקע מענטשן. און פון דער צווייטער זייט, איז אים אויסגעקומען צו ליידן פון די ערגסטע פאַרלוימדונגען מיצד די שונאים פון פרייהייט און פון גערעכטיקייט.

אָט דער ביישפּיל דאַרף אונדז ווידער דערמאָנען, ווי הויך מיר דאַרפן האַלטן די פאָן פון ערלעכן מענטשנטום, און טאָרן זיך נישט לאָזן פאַרבלענדן דורך מילחמה־פאָראורטיילן; און ווער עס פאַרדינט עס, צי אַ ייד, צי אַ דייטש אָדער אַ טערק — דאַרף באַקומען די אָפּשאַצונג לויט זיין אמתן ווערט. און אַ מענטש מיט אַזוי פיל אויפטוען, און מיט אַזאַ גאַנצקייט און ערלעכקייט פון זיין גייסטיקער נאַטור, ווי רודאָלף ראָקער, דאַרף אונדז דינען פאַר אַ שטענדיקן מוסטער פון אַ געלייטערטן, זייער געראָטענעם מענטשן־טיפּ, פון וועלכן אַלע אָן אויסנאַם קענען לערנען.

ד"ר הערמאַן פראַנק

ניו־יאָרק, מערץ, 1944.

# מיין ערשטע באַגעגעניש מיט יידישע רעוואָלוציאָנערן פון מיזרח־אייראָפּע

בעת איך האָב אַמאָל, אין אַ וואונדער־שיינעם פרילינג־אָוונט פון יאָר 1893, שפּאַצירט מיט מיין פריינט לידערלע איבער די גרויסע פּאַריזער בולוואַרן און איינגעשלונגען אין זיך דאָס דאָזיקע פּרעכטיקע און קאָכיקע לעבן, וועלכעס פּלעגט אויף מיר שטענדיק האָבן אַזאַ באַצויבערנדיקע ווירקונג, האָט ער מיך מיטאַמאָל אַ פרעג־געטאָן, צי איך וואָלט געוועזן אַ בעלן צוצוגיין מיט אים צו אַ מיטינג פון יידישע אַנאַרכיסטן. לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז ער זאָגט דאָס אין שפּאַס, אָבער אַזוי ווי איך האָב געזען, אַז ער האַלט זיך זייער ערנסט, האָב איך אים געפרעגט אַן איבעררעאַשטער:

— יידישע אַנאַרכיסטן? אויב אַזוי, פאַרוואָס נישט קאַטוילישע אָדער פּראָטעסטאַנטישע?

— ניין, ניין, — האָט ער מיר געענטפערט, — ס'איז אַזוי ווי איך זאָג דיר. דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן רעליגיעזע יידן, נייערט וועגן יידן, וועלכע האָבן פּונקט אַזוי ווייניק שייכות צו רעליגיע ווי מיר.

— נו, אויב אַזוי, — האָב איך זיך אָנגערופן צו אים, — זיינען זיי דאָך שוין נישט קיין יידן, פּונקט ווי מיר זיינען נישט קיין קריסטן.

האָט ער מיר דערקלערט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן די אַזוי־גערופענע מיזרח־יידן פון רוסלאַנד, פּוילן און רומעניע, וועלכע באַלאַנגען צו אַ באַשטימטער עטנישער גרופּע און רעדן אַ שפּראַך, וואָס איז זייער ענלעך צו דייטש.

בין איך שוין געוואָרן שטאַרק נייגעריק, מחמת מיר איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו הערן וועגן אַזאַ מין מענטשן־גרופּע. דער ייד פון דייטשלאַנד איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ דייטש; ער האָט זיך אונטערגעשיידט פון די אַנדערע דייטשן בלויז דורך זיין אמונה, אָבער אין אַלע אַנדערע פּרטים האָט ער זיך באַטייליקט אינעם לעבן פונעם פאָלק אויפן זעלביקן שטייגער ווי אַלע אַנדערע דייטשן. צווישן מיינע באַקאַנטע און פריינט אין דייטשלאַנד איז נישט געווען קיין יידן. דאָס איז אַזוי געווען מיסתמא דערפאַר, וואָס אַלע מיינע פריינט האָבן זיך גרופּירט פון אַרבעטערקרייזן, בעת צווישן די יידן פון מיין געבוירנשטאָט, מאַינץ, זיינען כימעט אַלע געווען קליינע סוחרים אָדער געהאַט ליבעראַלע פּראָפעסיעס, און מיר איז, אַזוי אַרום, נישט אויסגעקומען צו האָבן קיין באַציונגען מיט זיי. כ'האָב יאָ אַמאָל

געהערט רעדן ביי אונדז וועגן אַ יידנפראַגע, אָבער ס׳זיינען על־פּי־רוב געווען אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן אָט־די פראַגע אַוועקגעשטעלט, און נישט די יידן גופא.

אין מיין געבוירנשטאָט גופא איז נישט געווען קיין שום אַנטיסעמיטישע באַוועגונג, הגם דאָרט האָט געוווינט אַ היפּשע צאָל יידן. די באַציונגען צווישן דער קריסטלעכער און יידישער באַפעלקערונג זיינען געווען דורכויס פרידלעכע און איך האָב אין מיין יוגנט קיינמאָל נישט געהערט וועגן קיין אינצידענטן, פון וועלכע מ׳זאָל געווען קאָנען אַרויסדרינגען אַ ווידערווילן קעגן די יידן. אדרבא, אַזעלכע חילוקי־דעות זיינען גיכער געווען צווישן קאַטאָליקן און פּראָטעסטאַנטן אין מיין ראַיאָן, חילוקי־דעות, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען בעיקר צוליבן אָנקום פון אַ פּראָ־טעסטאַנטישן פּאַסטאָר מיטן נאָמען לינקער, און זיי זיינען געווען אַ מאָטיוו פון שאַרפע קאָמענטאַרן אין די לאָקאַלע צייטונגען. די יידן האָבן אָנטיילגענומען אין די לאָקאַלע עיניינים פונקט ווי די קריסטלעכע מיטבירגער זייערע און באַלאַנגט צו די נעמלעכע פּאַריינען און אָרגאַניזאַציעס.

נאָר אויב צווישן דער שטאָטישער באַפעלקערונג האָט זיך דער אַנטיסעמיטיזם נישט געמערקט, האָט ער אָבער געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס צווישן דער דאָרפי־שער באַפעלקערונג, ספּעציעל אין דער געגנט פון אויבערהעססע, וועלכע איז אין יענער צייט געווען די פעסטונג פון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג אין דייטש־לאַנד. אין אויבערהעססע איז געווען אַ היפּשע צאָל פון אַ קאַטעגאָריע פּאַראַרעמטע קליינע פּויערן, וועלכע האָבן געדאַרפט שווער קעמפן פאַר זייער עקזיסטענץ און וועלכע האָבן נישט געקאָנט קאָנקורירן מיט די גרויסע ערד־אייגנטימער. דער פיהאַנדל אין יענער געגנט איז פון זינט דורות שוין געלעגן אין די הענט פון יידישע פאַמיליעס. אַזוי ווי די יידן איז אין מיטלאַלטער נישט געווען דערלויבט זיך צו באַשעפטיקן מיט וואָסער־ס׳איז אינדוסטריע אָדער זיין אייגנטימער פון באָדן, האָט מען רעזערווירט פאַר זיי דעם מיסחר מיט בהמות, כדי זיי זאָלן האָבן פון וואָס צו לעבן. אָט דער מיסחר איז ביי זיי איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור אויך נאָכדעם שוין ווי ס׳זיינען בטל געוואָרן די אַלטע געזעצן פון געטאָ און דער ייד האָט באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג ווי אַ דייטשער בירגער. צוליב זייער מיסחר מיט בהמות פלעגן די יידן קומען אין שטענדיקן באַריר מיט די פּויערן ווען זיי זיינען אָפּט געווען די אוממיטלבאַרע גורמים פון זייער שלעכטער עקאָנאָ־מישער סיטואַציע. דער פּויער האָט געמורמלט קעגן די יידן נישט דערפאַר, וואָס זיי זיינען געווען יידן, נאָר ווייל ער האָט געזען אין זיי די אינסטרומענטן פון זיין עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע.

און טאַקע דאָרט איז עס געווען, ווו ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע און ווו זי האָט אָפּגעהאַלטן די גרעסטע ניצחונות. דער פּויער, וועל־כער איז פאַקטיש געווען אַ קרבן פון געוויסע עקאָנאָמישע פּראָצעסן, וועמעס טיפערע סיבות ער האָט נישט פאַרשטאַנען און נישט באַנומען, האָט געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך די יידן פאַר יעדן אומגליק, וואָס האָט אים געטראָפן, און עס איז אים אפילו נישט איינגעפאַלן זיך צו פאַרטראַכטן, אַז אין תוך איז לגמרי נישט

וויכטיק, צי די אוממיטלבאַרע גורמים פון זיין נויט און דחקות זיינען יידן אָדער קריסטן.

אונדזער גאַנצע סאָציאַליסטישע אַקטיוויטעט צווישן די דאָרפסלייט, וועלכע מיר פלעגן אָנפירן ווי יונגע סאָציאַליסטן, איז בעיקר באַשטאַנען אין אויפקלערן די פויערן די אמתע אָביעקטיווע סיטואַציע. דאָס איז נישט געווען לייכט און צו־מאָלס אַפילו היפש געפערלעך, ווייל נישט זעלטן פלעגן מיר אַרויסגעטריבן ווערן פון די דערפער דורך אומבאַוווּסטזיניקע און צערייצטע פויערן, וועלכע פלעגן אַרויס קעגן אונדז מיט ווידלעס און שטעקנס. די אַנטיסעמיטישע רעדנער זיינען געווען אין אַ בעסערער לאַגע ווי מיר דערמיט, וואָס פאַר זיי איז גענוג געווען אַרויסצו־שטעלן דעם יידן ווי דעם שעיר לעזאַזל און פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר אַלע צרות און ליידן פון די פויערן, בעת מיר זיינען אויסן געווען זיי באַקאַנט צו מאַכן מיט די טיפערע סיבות פון זייער ירידה. און ווען ס'קומט אויס צו רעדן צו פּאָליטיש נישט באַהאַווּנטע מענטשן, איז מען שטענדיק אין אַן ערגערער לאַגע, ווייל ס'איז שטענ־דיק שווערער צו באַוועגן מענטשן צו דענקען איידער זיי באַוועגן צו אַ בלינדן פאַנאַטיזם, צו וועלכן דער שכל־הישר האָט נישט קיין צוטריט. ס'איז גענוג געווען, אַז מ'זאָל אונדז ביי די מיטינגען באַשולדיקן אין שטיין אין דינסט פון די יידן, ביכדי אויפצורייצן די פויערן קעגן אונדז. אינעם בעסטן פאַל האָט מען אונדז קוואַליפיצירט ווי אומבאַוווּסטזיניקע אינסטרומענטן פון יודאַיזם. אין איינעם פון די פּאָעטישע אויסדרוקן פון די אַנטיסעמיטן פון יענער צייט האָט מען געקאָנט לייע־נען אָט־דאָס לידל:

Selbst die alles wollen stürzen,
Gehen blind in ihre Falle;
Ja, die Sozialistenschwärmer
Führt ein Marx und ein Lasalle.*)

אַזוי אַרום בין איך שוין געלעגן אין חרם ווי אַ „משרת פון די יידן" נאָך איידער כ'האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט יידן. די באַקאַנטע רעד־נער פון די העסער אַנטיסעמיטן פון יענער צייט זיינען געווען אויסדריקלעכע דורכגעטריבענע דעמאַגאָגן, וועלכע האָבן גוט פאַרשטאַנען אויסצונוצן די איגנאָ־ראַנץ פון די דאָרפסלייט, ביכדי צו קומען צו זיי מיט זייער בשורה פון דערלייזונג. ווי אומפאַרשעמט ס'איז געווען זייער אויפפיר, באַווייזט דער אויסדרוק, וועלכן ס'האָט באַנוצט אין אינטימע קרייזן דער באַקאַנטער אַנטיסעמיטישער פירער לי־בערמאַן פון זאַננענבערג: „מיינע העסער דאָרפסלייט זיינען געדולדיק ווי הינט און שמוציק ווי חזירים". די אַנדערע פירער, די פיקענבאַרס, די בעקעלס א. אַ. וו., זיינען געווען צוגעשניטן לויטן זעלביקן מאָדעל. דעם מאַנגל אין וויסן האָבן זיי בשפע אויסגעפילט מיט אומקאָנטראָלירטער העצע און ס'האָט געמאַכט דעם איינ־

*) אפילו יענע, וועלכע ווילן אַלעס צעשטערן, פאַלן אַריין בלינד אין זייער נעץ; יאָ, אַפילו די סאָציאַליסטישע טרוימער ווערן אָנגעפירט פון אַ מאַרקס און אַ לאַסאַל.

דרוק, אַז זיי זיינען שטענדיק געדעכט. דאָס, וואָס האָט צום מייסטן אָפּגעעקלט אין דער אַבסורדער העצע און אויפרייצונג פון די מאַסן, איז געווען זייער כוונה אַרויס־צושטעלן די יידן ווי די פאַרקערפּערונג פון אַלדאָס בייז און פון יעדער נידער־טרעכטיקייט, און צו מאַכן גלייבן די גייסטיק־צוריקגעשטאַנענע פויערן, אַז ס׳איז פאַראַן אויף דער וועלט אַ ספּעציעלע גרופּע מענטשן, וועלכע האָט זיך פאַרלייגט אויף דעם צו דעמאָראַליזירן און פאַרדאַרבן זייערע קריסטלעכע מיטבירגער.

מיט אָט די פּערזענלעכע דערפאַרונגען, וואָס איך האָב אַליין געהאַט, האָט מיך נאָך מער פאַרלאָקט און גערייצט מיין פריינטס פאַרבעטונג, מחמת דאָס האָט מיר צום ערשטן מאָל געגעבן די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט נישט־דייטשע יידן, וועלכע זיינען נאָך געווען חברים פון דערזעלביקער אידעאָלאָגיע. האָב איך זיך גערן אָנגעכאַפּט אין אָט־דער געלעגנהייט און מיר זיינען תיכף אַוועק צום בולוואַר באַרבעס, ווו די יידישע אַנאַרכיסטן פלעגן יעדן זונטיק אָוונט אָפּהאַלטן זייערע פאַרזאַמלונגען. דער לאָקאַל איז געווען אויפן ערשטן גאָרן פון אַ קאַפעהויז, וועלכער איז געדונגען געוואָרן פאַר דעם צוועק. ווען מיר זיינען אַהין אָנגעקומען, האָב איך דאָרט אָנגעטראָפן אַן עולם פון בערך פופציק ביז זעכציק מענער און פרויען, וועלכע זיינען געזעסן אַרום קליינע טישלעך און געפירט אַ לעבעדיקן שמועס. איינע האָבן געלייענט צייטונגען, געדרוקטע מיט העברעישע אותיות; דאָס זיינען געווען, ווי איך בין שפּעטער געוואויר געוואָרן, אַנאַרכיסטישע אויסגאַבן, — דער „אַרבייטער־פריינד״, וועלכער איז דעמאָלט אַרויסגעגאַנגען אין לאָנדאָן, און די „פרייע אַרבייטער־שטימע״, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ניו־יאָרק.

די אייגנטלעכע פאַרזאַמלונג האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן, און נידערלע, וועמען מ׳האָט שוין געקענט אין אָט־דעם קרייז, האָט מיך באַקענט מיט איניקע פון זיינע יידישע פריינט, וועלכע האָבן מיך האַרציק באַגריסט. געווען אין אָט־דעם קרייז בלויז אַ קליינע צאָל פון אַזעלכע, וועמעס אויסזען ס׳האָט מיך דערמאָנט אין די יידן פון מיין ראַיאָן. אינעם רוב פון זיי וואָלט איך נישט געווען דערקענט קיין יידן, ווען איך טרעף מיך מיט זיי אָן אין גאַס. מ׳וואָלט מיר רואיק געווען געקאָנט זאָגן, אַז דאָס זיינען איטאַליענער, גריכן אָדער שפּאַניער, און איך וואָלט בפירוש געווען געגלייבט אין דעם. איניקע פון דעם־אָ קרייז האָבן אַפילו געקאָנט אָנגענומען ווערן ווי דייטשן אָדער סקאַנדינאַווער. אַנדערע האָבן געהאַט אויסדריקלעך־מאָנגאָלישע שטריכן: שמאָלע אויגן, אַרויסשפּאַרנדיקע באַקנביינער און אַ קורצע, אַביסל ברייט־לעכע נאָז, וועלכע האָט נישט געהאַט קיין שום ענלעכקייט מיט דער אַזוי גוט־באַקאַנטער יידישער נאָז, וועלכע מ׳טרעפט אַזוי אָפט אין די קאַריקאַטורן. איך האָב זיך דעמאָלט נאָך נישט אָפּגעגעבן מיט די אַזויגערופענע ראַסנפּראָבלעמען, אָבער שוין דעמאָלסט איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז פונקט ווי די אַלע אַנדערע פעל־קער זיינען אויך די יידן נישט קיין איינהייטלעכע ראַסע.

וואָס מיך האָט איבערראַשט מער ווי אַלעס, איז געווען די שפּראַך, וואָס מ׳האָט דאָרט גערעדט. ס׳האָט געקלונגען אין מיינע אויערן ווי אַן אומבאַקאַנטער דייטשער דיאַלעקט, וועלכן איך האָב פריער קיינמאָל נישט געהערט, און וועלכער איז געווען

דורכגעדרונגען מיט ווערטער, וועלכע האָבן זיך מיר אויסגעוויזן ווי באַרבאַריזמען, לגמרי אומבאַקאַנטע פאַר מיר. מיט אַ געוויסער אויפמערקזאַמקייט האָב איך פונ־דעסטוועגן געקאָנט פאַרשטיין כּמעט אַלעס פון דעם, וואָס די, וועלכע זיינען דאָרט געווען, האָבן גערעדט, און זיי האָבן אויך מיך געקאָנט פאַרשטיין. דערנאָך איז מיר אויפגעפאַלן, אַז ביים צוהערן זיך צו די רייד פון די, וואָס האָבן גערעדט, האָב איך אייניקע פון זיי לייכטער פאַרשטאַנען ווי די אַנדערע, און דאָס האָט מיך אַרויפ־געבראַכט אויפן געדאַנק, אַז אויך די שפּראַך איז נישט קיין איינהייטלעכע און אַז ס'זיינען אין איר פאַראַן פאַרשידענע דיאַלעקטן, פּונקט ווי אין אַנדערע לשונות. אָבער ווען דער רעדנער פון דאָזיקן אָוונט, מיין שפּעטערדיקער פריינט ליפשיץ, האָט גענומען דאָס וואָרט, האָב איך געהאַט אַ נייע איבעררעשונג: אַ סך שטעלן האָב איך פאַרשטאַנען זייער גוט, אָבער מיטאַמאָל זיינען געקומען גאַנצע זאַצן און אויסדרוקן, וועלכע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין אַ פאַר מיר לחלוטין אומפאַר־שטענדלעכער שפּראַך. צום גליק האָט מיין פריינט נידערלע יאָ פאַרשטאַנען די־דאָזיקע אויסדרוקן, וועלכע זיינען פאַר מיר געווען פרעמד. ערשט שפּעטער איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן דאָס רעטעניש. נידערלע איז געווען אַ טשעך, וועלכער האָט, אַגב, גאַנץ שלעכט באַהערשט די דייטשע שפּראַך. אָבער ליפשיץ האָט דעמאָלט גערעדט אין אַ לשון, וואָס איז געווען אַ געמיש פון יידיש מיט רוסיש. און אַפילו אַ סך פון די דאָרטיקע יידישע צוהערער האָבן אים שווער געקאָנט פאַרשטיין, ווייל זיי זיינען געווען פון רומעניע, פון פּאַלעסטינע אָדער פון עגיפּטן, און פאַר זיי איז רוסיש געווען אַן אומפאַרשטענדלעכע שפּראַך. אָבער נידערלע, ווי אַ סלאַוו, האָט לייכט געקאָנט פאַרשטיין אַ סך פונעם באַנוצטן רוסישן וואָקאַבולאַר, וועלכער איז פאַר מיר און אַנדערע צוהערער געווען אַ פאַרשלאָסן בוך.

שפּעטער, ווען כ'האָב זיך נענטער באַקאַנט מיט די יידישע חברים, בין איך געוויר געוואָרן, אַז זייער גרופּע איז געגרינדעט געוואָרן אין פּאַריז דורך רוסיש־יידישע סטודענטן, וועלכע דער צופאַל האָט פאַרוואָרפן קיין פראַנקרייך. אין דער ערשטער צייט פון דער גרופּעס עקזיסטענץ האָט מען דאָרט בלויז גערעדט רוסיש. אָבער אַזוי ווי די גרופּע איז גרעסער געוואָרן און באַקומען אַן איינפלוס אינעם קרייז פון די יידישע אַרבעטער, איז מען געווען געצווונגען צו האַלטן די רעפעראַטן און פירן די דעבאַטן אויף יידיש, ביכדי די באַזוכערס זאָלן בעסער קאָנען פאַר־שטיין. פאַר די גרינדער פון אָט־דער נייער באַוועגונג איז דאָס לכתחילה געווען אַביסל שווערלעך, ווייל די רוסישע שפּראַך איז פאַר זיי געווען היימישער ווי די יידישע. ווייל מ'דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די יידישע שפּראַך האָט זיך ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן ריכטיק צו אַנטוויקלען, נאָכדעם ווי אַבראַמאָוויטש (מענדעלע) און פּרץ, וועלכע האָבן ביז דעמאָלט געשריבן אין העברעיש, האָבן איינגעזען, אַז צום פאָלק דאַרף מען רעדן אין זיין אייגענער שפּראַך. אַזוי אַרום האָבן זיי אָוועקגעלייגט די אמתע פונדאַמענטן פאַר אַן אמתער יידישער ליטעראַטור. די שוועריקייטן זיינען ביסלעכווייז בייגעקומען געוואָרן און די ערשטע גרינדער האָבן זיך בהדרגהדיק

בעסער איינגעלעבט אין דער שפראַך, פאַר וועלכן צוועק ס'איז גוט צונוצגעקומען די רעוואָלוציאָנערע פּרעסע אין יידיש.

פון זינט יענעם אָונט אָן בין איך געוואָרן אַ רעגלמעסיקער גאַסט ביי די צונויפקומען אויף בולוואַר באַרבעס, און אויף דער פאַרבעטונג פון מיינע נייע יידישע פריינט האָב איך דאָרט גאַנץ אָפט געגעבן רעפעראַטן אין דער דייטשער שפּראַך. אַזוי ווי איך האָב זיך ביים רעדן אָנגעשטרענגט אויסצומיידן אַלע שווערע אויסדרוקן און זיך מכוון געווען צו באַנוצן אַ ווי ווייט מעגלעך פּשוטע שפּראַך, בין איך גוט פאַרשטאַנען געוואָרן און די פאַרזאַמלונגען זיינען געווען גוט באַזוכטע, ווייל צו די רעפעראַטן זיינען אויך געקומען דייטשע חברים. דאָס האָט גורם געווען, אַז איך בין ביסלעכווייז געוואָרן אַ נאָענטער פריינט פון די יידישע חברים, וועלכע זיינען גייסטיק געווען שטאַרק אַקטיוו, און איך בין אויך געווען אָן אָנגעלייגטער גאַסט ביי זיי אין זייערע היימען. אַזוי אַרום האָט זיך פאַר מיר צעעפנט אַ גאַנץ נייע וועלט, וועלכע איז פאַר מיר ביז דעמאָלט געווען לגמרי אומבאַקאַנט.

צוויי דערשיינונגען בעיקר זיינען עס געווען, וועלכע האָבן אויף מיר דעמאָלט געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק. די ערשטע פון זיי איז געווען, אַז די יידן, וועלכע איך האָב געקאָנט פון דייטשלאַנד, האָבן באַלאַנגט צום מיטלקלאַס. דער רוב פון זיי איז געווען קליינע סוחרים אָדער מעדיקער, אַדוואָקאַטן, זשורנאַליסטן, טעכניקער א. ד. גל. נישט געווען צווישן זיי קיין איין אַרבעטער אַפילו. אַפילו די יידישע פאַרקויפערס און אָנגעשטעלטע, וועלכע זיינען געווען פאַרנומען אין די געשעפטן פון זייערע באַלעבאַטים, זיינען געווען אַזאַ מין ספּעציעלער קלאַס מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שייכות און קיין באַציאונגען מיט דער אייגנטלעכער אַרבעטערשאַפט. אָבער די יידן פון די מיזרח־לענדער, וועלכע איך האָב באַגעגנט אין פאַריז, זיינען אַלע, מיט קליינע אויסנאַמען, געווען אַרבעטער און זיך פאַרדינט זייער פּרנסה ווי שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס, שריפטזעצערס, זייגערמאַכער א. ד. גל. אַפילו יענע, וועלכע האָבן אין רוסלאַנד דורכגעמאַכט העכערע שולעס און זיי זיינען נאָכדעם פאַרטריבן געוואָרן פון דאָרט צוליב זייער פּאָליטישער אַק־טיוויטעט, האָבן זיך אין פאַריז אויסגעלערנט עפּעס אַ מלאכה, כדי צו לעבן פון אַרבעט. זיי זיינען מיט גאָרנישט געווען אַנדערש פון די אַרבעטער פון די אַנדערע פעלקער און זיי האָבן מיט זייער ביישפּיל באַוויזן, אַז דאָס באַרימטע לידל מיכוח דעם פּאַראַזיטישן כאַראַקטער פון די יידן, וועלכעס איך פלעג אַזוי אָפט הערן ביי די אַנטיסעמיטישע מיטינגען, איז בלויז געווען אַ ליגנערישע און פאַלשע איבער־טרייבונג.

די צווייטע דערשיינונג, וועלכע האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, איז געווען דער אויפפיר פון די פרויען אין אָט־דעם קרייז. אין מיין היימישן געגנט האָב איך קיינמאָל נישט געזען קיין פרויען, וועלכע זאָלן זיין אַקטיוו אין פּאָליטישן לעבן אָדער באַלאַנגען צו עפּעס אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען פלעגן באַזוכט ווערן בלויז פון מאַנספּערשוינען. פאַר די פרויען האָבן זיי נישט געהאַט קיין שום אינטערעס און די מענער איז לגמרי נישט איינגעפאַלן

זיי צו באַוועגן דערצו אָדער זיי צו מאַכן פאַרשטיין די זאַכן אַנדערש ווי זיי האָבן דאָס פאַרשטאַנען. ס׳איז אמת, אַז ס׳איז דעמאָלט אין בערלין, האַמבורג און אין אַנדערע גרויסע שטעט געווען א בירגערלעכע און אַפילו אַ סאָציאַליסטישע פּרויען־באַוועגונג, אָבער אין די קלענערע שטעט און אין דאָרף איז איר איינפלוס קוים געווען מערקבאַר. וואָס שייך דעם אַרבעטערקלאַס און די אָרעמע פּויערן, איז דע־מאָלט שווער געווען צו באַגעגענען אַ פרוי, מיט וועמען מ׳זאָל קאָנען רעדן וועגן די אַלגעמיינע עינינים אָדער געזעלשאַפטלעכע פראַגן.

אָבער דאָ, אינעם קרייז פון מיינע נייע יידישע פריינט אין פּאַריז, איז די זאַך געווען לגמרי אַנדערש. צו די פאַרזאַמלונגען זיינען פּונקט אַזוי געקומען פרויען ווי מענער. די פרויען האָבן זיך לעבהאַפט באַטייליקט אין די דעבאַטן און געלייענט די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור מיט דערזעלביקער התמדה ווי די מאַנספערשוינען. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ פולשטענדיק נייע דערשיינונג. אַלע באַציונגען צווישן ביידע געשלעכטער זיינען געווען אַזוי פריי און אַזוי נאַטירלעך, וואָס איך האָב אין דייטשלאַנד אַזעלכעס קיינמאָל נישט געזען. צום ערשטן מאָל האָב איך איינגעזען, אַז דאָרט, ווו ס׳איז נישט פאַראַן קיין ,גייסטיקע באַציונגען צווישן מאַן און פרוי, ווערט דאָס פאַרהעלטעניש צווישן זיי באַשטימט בלויז דורכן געשלעכט און נעמט־אָן די אַנטשפּרעכנדיקע פאָרמען. אָבער מיט אָט־די פרויען האָט מען געקאָנט רעדן וועגן אַלערליי עינינים און דערביי לחלוטין פאַרגעסן, אַז מ׳האָט פאַר זיך אַ פּערזאָן פון אַנדערן געשלעכט. און פונדעסטוועגן האָבן זיי בשום אופן נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון די סופראַזשיסטקעס פון יענער צייט, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז דאָס נאָכטאָן דעם מענלעכן געשלעכט און זיך אויפפירן אַזוי ווי ער איז דער אמתער פאָרויסיקער תנאי פאַר דער באַפרייאונג פונעם סעקס. ניין, אָט־די פרויען און מיידלעך זיינען, לויט דער גאַנצער נאַטור זייערער, געווען דורכויס ווייבלעך און אַפילו שטאַרק מוטערלעך. זייער פרייהייט איז ג׳כער געווען אַן אינערלעכע און געהאַט איר שורש אינעם באַוווסטזיין פון דער מענטשלעכער חשיבות, אין דער גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלץ, וואָס טראָגט אַ מענטשלעכן פּרצוף. און טאַקע דער־אָ אַספּעקט איז עס געווען, וואָס האָט זיי געגעבן אַ ספּעציעלן חן און רייץ. אייניקע פון זיי, באַזונדערס יענע, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט באַטייליקט אין דער אונ־טערערדישער באַוועגונג אין רוסלאַנד, האָבן אַפילו געהאַט אין זיך אַ געוויסן פּוריי־טאַנישן שטריך, הגם דאָס האָט לגמרי נישט קאַליע געמאַכט זייער נאַטירלעכע ווייב־לעכקייט און דערמאָנט אָן די פרויען, וואָס סטעפּניאַק האָט באַשריבן אין זיין „דאָס אונטערערדישע רוסלאַנד״.

די ערשטע נענטערע באַקאַנטשאַפט מיינע אינעם קרייז פון די יידישע אַנאַר־כיסטן איז געווען מיט דער פאַמיליע זילבערמאַן. זילבערמאַן איז געווען דער באַ־לעבאָס פון אַ קליינעם שניידערוואַרשטאַט אויפן בולוואַר מענילמאָנטאַן, ווו ער אַליין האָט צוזאַמען מיט זיין פרוי געטאָן אַלע אַרבעטן, מחמת ער האָט געהאַלטן פאַר אומפאַרייבאַר מיט זיינע פּרינציפּן צו באַנוצן אַרבעטער. ביידע זיינען זיי געווען פּשוטע, ערלעכע אַרבעטער, וועלכע האָבן שוין געהאַט אַ סך געוואַנדערט איבער דער

וועלט. זיי זייַנען געווען ירושלימער און שוין געהאַט געלעבט אין עגיפּטן, גריכנלאַנד, טערקיי, איטאַליע און אַפילו אַ קורצע צייט אין אַמעריקע, ביז זיי האָבן זיך לסוף באַזעצט אין פּאַריז, וועלכע האָט זיי שטאַרק צוגעצויגן צו זיך. די זילבערמאַנס האָבן באַלאַנגט צו די גרינדערס פון דער גרופּע פון בולוואַר באַרבעס, זייַנען געווען פון די טעטיקסטע און אַקטיווסטע מיטגלידער אירע און האָבן פאַר איר אָפּגעגעבן יעדע פרייע מינוט. ביסלעכווייז זייַנען מיר געוואָרן גאָר נאָענטע פריינט און איך האָב אין זייער דירה פאַרבראַכט אַ סך אָנגענעמע שעהן. גאָלדע זילבערמאַן איז געווען אַן אויסגעצייכנטע קעכן, וועלכע האָט אָפּט צוגעגרייט זעלטענע און פאַר מיר אומבאַקאַנטע אַראַבישע מאכלים. ווען מיר האָבן נאָכן מאָלצייט געטרונקען אַ טעפּעלע געשמאַקע און שמעקעדיקע מאָקאַ־קאַווע און אַרייַנגעצויגן דעם שמעקעדיקן ריח פון דער טערקישער פייקע, האָב איך זיך געפילט ווי אַריבערגעטראָגן אין עפּעס אַן אַנדערער, אַ פרעמדער און אויסטערלישער וועלט פאַר מיר.

לגמרי אַנדערש איז געווען מיין פריינט ראָדינסאָן און זיין פרוי טאַניאַ. ביידע זייַנען זיי אַרויסגעקומען פון דער רוסישער שטודירנדיקער יוגנט און פלעגן צווישן זיך שטענדיק רעדן רוסיש. ראָדינסאָן האָט אין רוסלאַנד געלערנט אין דערזעלביקער שול, וואָס זיין פריינט י. ליפשיץ און חיים זשיטלאָווסקי; ער האָט שפּעטער דורכ־געמאַכט אייניקע גילגולים און אפילו זיך אויסגעצייכנט ווי איינער פון די אָנגעזעענסטע פאַרשטייער פונעם יידישן נאַציאָנאַליזם. ער האָט געמוזט אַנטלויפן קיין אויסלאַנד צוליב זיינע באַציונגען מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין פּאַריז האָט ער זיך געמוזט אויסלערנען אַ מלאכה, און ווען איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט, האָט ער געאַרבעט ביי רעגנמאַנטלען. אין זיין באַקוועמער וווינונג אויף רי שאַרבאָן איז אין איין צימער געווען איינגעאָרדנט דער וואַרשטאַט, ווו ער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין פרוי. ער איז געווען אַ גייסטיק און אינטעלעקטועל הויכ־באַגאַבטער מענטש, אַ זעלטן־ערלעכע נאַטור און בטבע אַזאַ גוטער, אַז ווער נאָר ס'איז געקומען אין באַריר מיט אים, איז געוואָרן זיין פריינט. די חברים האָבן צו אים געהאַט אַ גרענעצלאָזן צוטרוי, וועלכער איז קיינמאָל דורך גאָרנישט געשטערט געוואָרן.

ראָדינסאָנס דירה איז געווען אַ שטענדיקער טרעפפּונקט פון די רוסישע עמי־גראַנטן. יעדן זונטיק נאָכמיטאָג האָט מען דאָרט געקאָנט טרעפן פון 10 ביז 12 רוסישע חברים, צווישן זיי אַ סך נישט־יידן. דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין גע־קומען צו אָט־די ספּאָנטאַנע צונויפטרעפן, בין איך געווען מאָדנע איבערראַשט. אויף די ווענט פונעם צימער זייַנען געווען אויסגעהאָנגען די בילדער פון די באַקאַנטע רוסישע רעוואָלוציאָנערן, צווישן זיי אַ גרויס בילד פון מיכאַיל באַקונין, אגב, אַ בילד, וועלכעס מ'האָט דעמאָלט געקאָנט זען אין כימעט אַלע וווינונגען פון די יידישע חברים. אַרום אַ גרויסן קיילעכדיקן טיש איז געזעסן אַ קרייז פון מענער און פרויען אין אַ לעבהאַפטיקן שמועס, בשעת אין סאַמע צענטער פון טיש איז געשטאַנען אַ רויכערנדיקער גרויסער סאַמאָוואַר, וועלכער האָט געפייפט, געזשומעט און אַרויס־געלאָזט פון זיך גאָרגלענדיקע קלאַנגען. די רוסן זייַנען שטאַרקע טיי־טרינקער. איך

האָב שוין וועגן דעם געהאַט עפּעס געלייענט, אָבער דאָ האָב איך געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, ווי מען פּלעגט אויסטרינקען צען ביז צוועלף גלעזער טיי, און בעת־מעשה אַריינגעלייגט אין מויל קליינע שטיקעלעך צוקער און זיך געפילט גוט, ווען ס׳איז געווען דער שווייס פונעם שטערן.

ביכלל קאָן געזאָגט ווערן, אַז דער בלישטשענדיקער סאַמאָוואַר מאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק. ער רופט־אַרויס אַזאַ מין געמיטצושטאַנד, וועלכן מ׳קאָן נישט באַצייכענען אַנדערש ווי אַן אַנגענעמען, און איך פאַרשטיי, פאַרוואָס די רוסישע פּאָעטן האָבן אויסגעזונגען צו אים אַזויפיל לויבלידער. ווונדערבאַרע שעהן זיינען עס געווען, וועלכע איך האָב פאַרברענגט אינעם קרייז פון אָט־די ליבע און אינטעליגענטע מענטשן, וועלכע האָבן געקאָנט פירן אַזעלכע אינטערעסאַנטע שמועסן. איך האָב זיך דאָרט אויסגעלערנט פאַרשטיין אַ סך זאַכן, וועלכע זיינען מיר פריער געווען לגמרי פרעמד און אומבאַקאַנט.

געווען אין יענעם קרייז אַ גרויסע צאָל פּערזאָנען, וועלכע זיינען געהאַט געווען פאַרשיקט אין דער סיבירער קאַטאָרגע פאַר זייער רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויטעט, און זיי האָבן דאָרט אָפּגעלעבט אַ סך יאָרן, ביז זיי זיינען אויף אַזאַ צי אויף אַן אַנדערן אופן באַפרייט געוואָרן. איך האָב נאָך אין דייטשלאַנד געהאַט געלייענט דעם אַמעריקאַנער זשורנאַליסט דזשאָרדזש קענאַנס ווערק וועגן סיביר, צו וועלכן ער האָט אַוועקגעשטעלט דאַנטעס פראַזע Laasciate ogni speranza voi ch'entrate דאָסדאָזיקע ווערק האָט אין זיין צייט געמאַכט גרויס אויפזען, איז איבערגעזעצט געוואָרן אין די וויכטיקסטע שפּראַכן און האָט אויף מיר געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. און איצט האָב איך זיך דאָ צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ מענטשן, מיטן חבר א. גאָרדאָן, מיט וועמען קענאַן האָט זיך געהאַט באַגעגנט אין סיביר און וועלכער האָט באַשטעטיקט פאַר קענאַנען, אַז זיין ווערק האָט אויפגעטאָן מער פאַר דער פאַרבעסערונג פונעם גורל פון די פּאָליטישע פאַרשיקטע ווי אַלעס אַנדערע, וואָס מ׳האָט פריער געהאַט געשריבן וועגן דעם.

פינף יאָר האָט א. גאָרדאָן אָפּגעלעבט ווי אַ פאַרשיקטער אין אירקוטסק. מ׳האָט אים פאַרשיקט דערפאַר, ווייל ער האָט זיך, ווי אַ יונגער סטודענט, באַטייליקט אין דער רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויטעט, הגם מ׳האָט קעגן אים נישט געקאָנט אָנקלייבן קיין פאַקטישע באַווייזן. אָבער ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן פאַרדעכטיקע מענטשן. און אגב האָט די פּאָליציי געפונען ביי אים אין שטוב צוויי פאַרווערטע ביכער, ביכער, וועלכע זיינען פאַרקויפט געוואָרן פריי אין אַלע אַנדערע אייראָפּעישע לענדער. דאָס איז געווען גענוג אים אַרויסצורייסן פונעם קרייז פון זיינע פריינט און מישפחה און אים פאַרשיקן קיין סיביר ווי אַ פאַרדעכטיקטן.

א. גאָרדאָן, וועלכן כ׳האָב ביסלעכווייז אַלץ בעסער דערקענט, האָט באַלאַנגט צו די אינטעליגענטסטע מענטשן פון יענעם קליינעם קרייז. ער האָט צוזאַמען מיט זיין פרוי געפירט אַ זייער אָרעם לעבן, הגם ער האָט זיך צוליב דעם נישט געפילט דערשלאָגן און אַנטמוטיקט. איך האָב שטענדיק געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע באַפרידיקונג, ווען כ׳האָב געקאָנט פועלן ביי אים, ער זאָל עפּעס דערציילן וועגן זיינע

דערפאַרונגען אין קאַטאַרגע. ער פלעגט דאָס שטענדיק טאָן אויף אַ באַשיידענעם אופן און אָן יעדע פּרעטענזיע, גלייך ווי ער אַליין וואָלט פּערזענלעך נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט אָט־די געשעענישן. אַפילו דעמאָלט, ווען ער האָט דערציילט וועגן זאַכן, וועלכע האָבן מיך שטאַרק אויפגערעגט, האָט זיך פון זיין טאָן קיינמאָל נישט געפילט, אַז ער זאָל זיך פּערזענלעך קלאָגן פאַר די איבערגעליטענע אומגע־רעכטיקייטן. דאָס איז, אגב, געווען אַ דערשיינונג, וועלכע מ׳האָט געקאָנט באמערקן ביי אַ סך רוסן. זיי האָבן גערעדט וועגן די ביטערסטע פּערזענלעכע דערפאַרונגען און איבערלעבענישן און מ׳האָט ביי זיי נישט געקאָנט באַמערקן קיין שום עמאָציע אָדער צעטרייסלונג. דאָס איז, קאָנטיק, געווען דער פּועל־יוצא פון אַ שטאַרקער זעלבסטבאַהערשונג, וועלכע זיי האָבן זיך דערוואָרבן אין דער האַרטער און שווערער שול פונעם לעבן.

אויך גאָרדאָנס ברודער, דוד, האָט זיך דעמאָלט אויפגעהאַלטן אין פּאַריז. בעת א. גאָרדאָן און זיין פרוי זיינען געווען בפירושע אַנאַרכיסטן, האָט זיך דוד געהאַלטן ביי מאַרקסיסטישע אָנזיכטן. ער איז געווען אַ גוטער רעדנער און האָט אומדער־מידלעך אַקטואירט צווישן די יידישע אַרבעטער פאַר די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּרינציפּן, אָבער אָן גרויסער הצלחה. הגם אידעאָלאָגיש זיינען מיר געווען אין שאַר־פער סתירה צווישן זיך און ביי די עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען האָבן מיר געהאַט נישט איין שאַרפן צוזאַמענשטויס, האָט דאָס אָבער קיינמאָל נישט געווירקט אויף אונדזערע פּערזענלעכע באַציונגען. מ׳האָט אין יענעם קרייז אין אַלגעמיין געהאַט מער טאָלעראַנץ ווי די טאָלעראַנץ, וועלכע איז מיר געווען באַקאַנט פון דייטשלאַנד.

איינער פון די אייגנאַרטיקסטע מענטשן, מיט וועלכע כ׳האָב דעמאָלט זיך באַקאַנט צווישן די יידישע רעוואָלוציאָנערן, איז געווען ש. ראַפּאַפּאָרט, וועלכער איז באַרימט געוואָרן אין דער יידישער און רוסישער ליטעראַטור אונטערן פּסעוודאָ־נים ש. אַנסקי. איך האָב זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט אים אין ראָדינסאָנס הויז. אָט־דער שטילער, דאַרער מענטש מיטן אויסגעצערטן פּנים און פאַרחלומטע אויגן, וועלכע האָבן געקוקט מיט אַ מעלאַנכאָלישן בליק, האָט זיך כימעט נישט באַטייליקט אין די אַלגעמיינע שמועסן און גיכער געשפּילט די ראָל פון אַ שטילן, אָבער אויפמערקזאַמען צוהערער. לכתחילה האָב איך געהאַט קנאַפּע געלעגנהייטן זיך מיט אים בעסער צו באַקענען, ביז א צופאַל האָט מיך שפּעטער אויף אַ לענגערער צייט צונויפגעפירט מיט אים. ווען ראָדינסאָן האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז ראַפּאָ־פּאָרט פאַרנעמט זיך מיט איינבינדעריי, האָב איך ביי דער ערשטער געלעגנהייט פאַרפירט אַ שמועס מיט אים וועגן דעם. בעתן שמועס האָב איך אים געגעבן אָנצו־הערן וועגן מיין שלעכטן און ענגן וואַרשטאַט, אין וועלכן מיר קומט אויס צו אַר־בעטן. האָט ער מיר פאָרגעלייגט צו אַרבעטן מיט אים. ער האָט געהאַלטן, אַז זיין איינריכטונג אין וואַרשטאַט איז מיסתמא אויך נישט בעסער ווי מיינע, אָבער צוזאַ־מען וועלן מיר זיין אימשטאַנד זיך אַרויסצוהעלפן און צומאָלס דערלאַנגען איינער דעם אַנדערן אַ האַנט ביי דער אַרבעט.

דער פּלאַן איז מיר געפעלן געוואָרן. שוין דער אומשטאַנד צו האָבן מיט

ווען מען אויסצורעדן אַ וואָרט בעת דער אַרבעט איז פאַר מיר געווען פאַרלאָקנדיק. זיינען מיר אויף גיך דורכגעקומען צווישן זיך. ראַפּאָפּאָרט האָט דעמאָלט געוווינט אין אַן אָרעם בוידעמשטיבל אויף רי סען זשאַק, ווו ס׳איז צוגלייך געווען זיין וווי־נונג און וואַרשטאַט. זיין טעכנישע איינריכטונג איז נישט געווען פיל בעסער ווי מיינע און איז נאָך, חוץ דעם, געווען היפּש פאַרוואָרלאָזט. איך האָב באַלד איינגעזען, אַז ער איז נישט געווען קיין גרויסער בריה אין איינבינדעריי. לויט ווי ער האָט מיר שפּעטער דערציילט, האָט ער בעת זיין שטורמישן לעבן אין רוסלאַנד זיך אַביסל צוגעלערנט אין אָט־דער מלאכה אינעם הויז פון זיינעם אַ פריינט, אַן איינבינדער און ער איז געווען אימשטאַנד צו קאָנען מאַכן אַ פּשוטן לייוונטענעם איינבונד, אָבער די ספּעציעלע אַרבעטן פונעם פאַך זיינען פאַר אים געווען לגמרי אומבאַקאַנט.

נאָכדעם ווי כ׳האָב צורעכטגעמאכט דאָס קליינע ביסל געצייג, וואָס ער האָט געהאַט, און אַריבערגעבראַנגט צו אים אייניקע פון מיין ווערקצייג, בין איך יעדן טאָג געקומען אַרבעטן אין זיין וואַרשטאַט, ביז איך האָב מיט דריי אָדער פיר חדשים שפּעטער באַקומען אַן אַנדער שטעלע. מיין פריינט ראַפּאָפּאָרט איז געווען זייער אַ טאַלאַנטירטער מענטש, אָבער זיין ממש רירנדיקע באַשיידנקייט האָט אים גע־שטערט זיך אַרויסצורוקן און צו פאַרנעמען דאָס אָרט, וואָס איז אים געקומען. ווען נישט דאָס, וואָלט ער שוין דעמאָלסט געווען געהאַט דערגאַנגען צו דער פּאָזיציע אינעם לעבן, צו וועלכער ער האָט געהאַט אַ רעכט צו פּרעטענדירן אויפן סמך פון זיינע גרויסע אינטעלעקטועלע פעיקייטן. ער האָט דעמאָלט געלעבט אין גרעסטן דחקות, וועלכעס האָט זיך תיכף געוואָרפן אין די אויגן אויפן ערשטן בליק, לויט זיין אויסערלעכן אויסזען. זיין באַשיידנקייט איז געווען אַן אומבאַגרענעצטע און איך בין אַפילו איבערצייגט, אַז ער האָט זיך גאַנץ אָפּט דערנערט בלויז מיט ברויט און טיי, ווען אַפילו ער האָט קיינעם קיינמאָל גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם.

נישט געקוקט אויף זיין אָנציענדיקער פריינטלעכקייט, איז ער פון אָנהויב געווען אַביסל שעמעוודיק און איינגעהאַלטן, אָבער ביסלעכווייז איז ער געוואָרן באַ־רעדעוודיקער און צוגענגלעכער. מיר האָבן בשעת דער אַרבעט גערעדט וועגן אַלער־ליי מעגלעכע עיניַנים, ביפרט, פאַרשטייט זיך, וועגן די סאָציאַלע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן אונדז ביידן אינטערעסירט. ער האָט מיר דערציילט וועגן דער באַוועַ־גונג פון די „נאַראָדניקעס" אין רוסלאַנד, אין וועלכער ער האָט זיך פּערזענלעך באַטייליקט; וועגן זיין לעבן צווישן די רוסישע אַרבעטער און פּויערן, וועלכע ער האָט געזוכט צו געווינען פאַר זיינע אידעען. זיין אויסערגעוויינלעכע פעיקייט צו באַאָבאַכטן האָט צוגעגעבן אַן אויסערגעוויינלעכן רייץ זיינע פּשוטע דערציילונגען. מ׳האָט אין יעדן וואָרט זיינעם געפילט ווי שטאַרק ליב ער האָט דעם רוסישן פּויער. און ווען אַפילו ער האָט גוט געוווּסט דורך אייגענער דערפאַרונג און באַאָבאַכטונג, ווי שטאַרק גייסטיק צוריקגעשטאַנען, אָבערגלויביַעריש און אָרעם ס׳איז די דאָרפישע רוסישע באַפעלקערונג, האָט ער אָבער שטענדיק אונטערגעשטראָכן, אַז די פּויערן פון זיין לאַנד האָבן אַ שטאַרקערן און בעסער אַנטוויקלטן חוש פאַר סאָציאַלער סאָלידאַריטעט ווי די פּויערן און אַפילו די אַרבעטער פון מערב־אייראָפּע. דאָס

דרינגט אַרויס אויפֿן ערשטן פּלאַץ פון זייערע טראַדיציעס און פון די געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס פונעם רוסישן דאָרף. אין אַנדערע לענדער, פלעגט ער זאָגן, וואָלטן די רעוואָלוציאָנערן געדאַרפט אָנצינדן און אויפלעבן דעם סאָציאַלן גייסט, וועלכער איז דער וויכטיקסטער פּאָרויסיקער תנאי פאַר דער איבעראַנדערשונג פון דער געזעלשאַפט, אָבער אין רוסלאַנד לעבט אָט־דער גייסט אינעם פאָלק און ס'איז בלויז נייטיק די רעוואָלוציאָנערע אַקטיוויטעט, ביכדי צו געבן דעם שטויס פאַר אַ באַוועגונג, וועלכע זאָל אַריבערוואַקסן די צילן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

פאַר מיר איז אָט־די שיטה דעמאָלט געווען לחלוטין ניי. מיר האָבן זיך אין דייטשלאַנד אַזוי שטאַרק צוגעווינט צו זען אין דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג דעם וויכטיקסטן פאָרויסיקן תנאי פון דער געזעלשאַפטלעכער איבעראַנדערשונג אי־נעם סאָציאַליסטישן זין, אַז מיר האָבן אינגאַנצן פאַרזען די שאָטנדיקע זייטן פון אָט־דער אַנטוויקלונג. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז ווען אַפילו די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט האָט אָן ספק גורם געווען סאָציאַלע סיכסוכים און פאַרזייט שפּראָצן פון אומצופרידנקייט, האָט זי אָבער אויך, פון דער אַנדערער זייט, דורך דער כסדר שטאַרקער ווערנדיקער אָפּשוואַכונג פונעם געזעלשאַפטלעכן צו־נויפבונד און דורך דער איינזייטיקער אַקצענטואירונג פון די עגאָיסטישע שטרעבונ־גען, געשאַפן באַשטימטע גייסטיקע און מאָראַלישע קאָנדיציעס, וועלכע האָבן זיכער נישט באַגינציקט די סאָציאַליסטישע איבעראַנדערשונג פון דער געזעלשאַפט. דידאָ־זיקע אינטערפּרעטאַציע איז אויך געווען די סיבה דערפון, וואָס דער פּריינט ראַפּאָ־פּאָרט האָט זיך באַצויגן גאַנץ סקעפּטיש צו דער אַזויגערופענער דייטשער קולטור. ער האָט געהאַט אַ פאַרהוילענע מורא פאַר דער דייטשער גרינטלעכקייט און ער האָט געהאַלטן, אַז אין זייער אייפעריקייט אַלעס אַריינצופּאַסן אין אַ באַשטימטער סכעמע, האָבן די דייטשן וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגעלאָזן פון אויג, פאַרלוירן, די מענטשן פון זייערע חשבונות און זיך פאַרנומען אויף אַזעלכע קרומע וועגן, וועלכע וועלן זייער שווער קאָנען ברענגען גוטע רעזולטאַטן. צופיל סיסטעמאַטיזאַציע, פלעגט ער זאָגן, צעשטערט דעם מענטשנס נשמה און דערמיט אויך יעדן סאָציאַלן גלייכגעוויכט.

ראַפּאָפּאָרט פלעגט מיר כסדר פאַרזיכערן, אַז ער האָט דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר דער טעכנישער פעיקייט פון די דייטשן, ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז אַזאַ פעיקייט איז נאָר דעמאָלט ניצלעך, ווען זי שטייט אין דינסט פון אַ גוטן צוועק און האָט אָן אָנשפּאַר אינעם מענטשנס עטישן באַוווסטזיין. אָבער צום אומגליק שיינט אַלץ אָנצוווייזן, אַז די הערשנדיקע קלאַסן אין דייטשלאַנד גייט ווייניק־וואָס אָן דער צוועק; אַז זייער גאַנצע כוונה איז קאָנצענטרירט צו שטויסן אייראָפּע אויף אַ וועג, וועלכער וועט מוזן ווערן פאַטאַל פאַר איר גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. אָט־די סכנה ווערט נאָך גרעסער דערמיט, וואָס דאָס דייטשע פאָלק האָט נעבן און צוזאַמען מיט זיינע פיל גוטע אייגנשאַפטן, צו ווייניק ווידערשטאַנדס־קראַפט צו קאָנען אַרויסשטעלן אַווירקזאַמען קעגן־כוח צו די אָנגריפן פון זיין

רעגירנדיקער קאַסטע. צופיל געזעצלעכקייט פאַרנעפּלט די וויזיע פון אַ פאָלק און דערפירט אים צום אָפּנאַרערישן גלויבן צו מיינען, אַז די שטרעבונגען און כוונות פון זיינע אונטערדריקער זיינען אויך זיינע אייגענע שטרעבונגען.

דידאַקטיקע אידעען האָבן געהאַט אַ סך געמיינזאַמס מיט די אידעען, וועלכע איך האָב שוין פריער געהאַט געהערט פון דאַמעלאַ ניוועגהויז. דעריבער האָבן זיי זיך נאָך טיפער איינגעגראָבן אין מיין זכרון. איך האָב פון זינט יענע צייטן אַ סך נאָכגע־טראַכט וועגן יענע ווערטער און בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ראַפּאָפּאָרט און ניוועגהויז האָבן בעסער אָפּגעשאַצט די לאַגע ווי אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן געהאַלטן דייטשלאַנד ווי דעם וויכטיקסטן פּאָטענטרעגער פון דער קומענדיקער סאָ־ציאַלער איבערקערעניש אין אייראָפּע.

צופיל דיסציפּלין ווערט געפערלעך פאַר אַ פאָלק. און אויב אָט־די דיסציפּלין איז נאָך, חוץ דעם, פאַרבונדן מיט אַ גרויסער טעכנישער קאַפּאַציטעט, מוז זי ווערן טאָפּלט געפערלעך און סכנהדיק. דייטשלאַנדס שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג צום באַר־באַרנטום פונעם דריטן רייך וואָלט נישט געווען מעגלעך אָן דער ערשטער וועלט־מילחמה, אָבער ס׳וועט נישט זיין צו שטאַרק איבערגעטריבן, ווען מ׳וועט זאָגן, אַז היטלערס ניצחון אָן אַ ווידערשטאַנד איז מעגלעך געווען נאָר אַדאַנק יענער טויטער, בית־עולמדיקער געהאָרכיקייט, וועלכע האָט זיך אין דייטשלאַנד אָנגענומען שטאַרקער ווי אין וועלכן ס׳איז אַנדערן לאַנד.

ראַפּאָפּאָרט האָט געפילט צו זיין רוסישן היימלאַנד אַ רירנדיקע ליבשאַפט און ער האָט באַטראַכט יעדן טאָג, וועלכן ער האָט געמוזט פאַרברענגען אין אויסלאַנד, ווי אַ פאַרלוירענעם טאָג אין זיין לעבן. אגב איז דאָס געווען אַ שטריך, וועלכן איך האָב דעמאָלט באַמערקט ביי אַ סך רוסישע יידן. איז דאָס אַ באַווייז, אַז די פאַלשע און זינלאָזע טענה פון די אַזויגערופענע ראַסנטעאָרעטיקער, אַז ביים יידן, ביי יעדן יידן, פעלט יעדעס מין געפיל פאַר היימלאַנד, דאַרף געמאָסטן ווערן מיט דערזעל־ביקער מאָס ווי אַ סך אַנדערע זאַכן, וועלכע קומען פון דעם־אַ צד. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס געפיל אָדער בענקעניש צום היימלאַנד האָט ביי די דאָזיקע מענטשן נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמס מיטן צעקרומטן נאַציאָנאַליזם פונעם טאָטאַלן שטאַט, וועלכער צעשטערט אינדעראמתן די וואָרצלען פון יעדער ליבשאַפט צום היימלאַנד דערמיט, וואָס ער באַמיט זיך צו אויטאָמאַטיזירן דאָס גאַנצע לעבן פון אַ פאָלק און עס אָנשטעלן אויף איינאונדעמזעלביקן טאָן בנוגע זיין אופן דענקען און פילן.

יענע חדשים, וואָס איך האָב געאַרבעט צוזאַמען מיט ראַפּאָפּאָרטן, זיינען פאַר־בליבן אומפאַרגעסלעך פאַר מיר. אויך שפּעטער פלעג איך זיך אָפּט טרעפן מיט אים און איך האָב תמיד, נאָך יעדער באַגעגעניש מיט אים, געהאַט די אינטימסטע סאַטיספאַקציע, אַז איך האָב פאַרברענגט מיט אַ שטילן און גייסטרייכן מענטשן, ביי וועלכן ס׳איז נישט געווען אַפילו אַ שפור פון יענע אייגנשאַפטן, וועלכע די אַנטי־סעמיטישע חסר־דעהגיקעס ווילן געוויינלעך זען ביי יידן.

ראַפּאָפּאָרט איז שפּעטער געוואָרן דער פּריוואַטסעקרעטאַר פונעם באַקאַנטן רו־סישן רעוואָלוציאָנער פּעטער לאַוראָוו און ער האָט אָנגעהאַלטן דידאָזיקע שטעלע

ביז לאַווראָווס טויט, אין יאָר 1900. אַדאַנק אים האָב איך זיך אויך באַקענט פּערזענלעך מיט לאַווראָוון, פאַר וועמען מיר האָבן איינגעבונדן אייניקע ביכער, בעת דעם קורצן פעריאָד פון אונדזער בשותפותדיקער צוזאַמענאַרבעט. לאַווראָוו איז שוין דעמאָלט געווען אַן איבער זיבעציקיעריקער מאַן. אָבער נישט געקוקט אויף זיין עלטער, האָט מען אין אים נאָך אַלץ, לויט זיין גאַנג און קערפּערלעכן שטעל, געקאָנט דערקענען דעם געוועזענעם אָפיציר. ווי איינער פון די וועטעראַנען פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד און בעיקר אַדאַנק זיין באַדייטנדיקער ליטעראַרישער אַקטיוויטעט, איז ער שטאַרק רעספּעקטירט געוואָרן דורך אַלע סאָציאַליסטישע טענדענצן אין פּאַריז.

ווען די צאַרישע רעגירונג איז, ווי א פועל־יוצא פון די געשעענישן אין יאָר 1905, געווען געצוווּנגען אַרויסצולאָזן אַ גאַנץ ברייטפאַרנעמיקע אַמניסטיע, האָט זיך אויך ראַפּאַפּאָרט אומגעקערט קיין רוסלאַנד, ווו ער האָט ביז צום סוף פון זיין לעבן אָנגעפירט אַ פּרוכפּעריקע טעטיקייט ווי אַ יידישער און רוסישער שרייבער.

חוץ דער גרופּע יידישע אַנאַרכיסטן אין פּאַריז, איז דאָרט אויך געווען אַ קליינער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פאַריין, וועמענס מיטגלידער פלעגן זיך צונויפקומען יעדן שבת אין אַ קליינעם לאָקאַל נישט ווייט פון דער „פּלאַס דע לאַ באַסטיל”. די וויכטיקסטע ראשי־מדברים פון דעם־אָ קרייז זיינען געווען דוד גאָרדאָן און א. בעק, אַ נישט־ייד פון רוסישן אָפּשטאַם, וועלכער איז געווען גאָר נאָענט צו די יידישע אַרבעטער. דידאָזיקע גרופּע איז געווען אַ גאָר קליינע און אירע פאַרזאַמלונגען פלעגן באַזוכט ווערן פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק קליינער צאָל פּערזאָנען. אָבער ווען די טעמע פונעם צונויפקום האָט געמאַכט גלייבן, אַז ס'וועט זיין אַ דעבאַטע מיט די אַנאַרכיסטן, איז דער עולם געווען אַ גאָר גרויסער. ווען דוד גאָרדאָן האָט מיך אַמאָל פאַרבעטן צו האַלטן אַ רעפעראַט פאַר אָט־דעם קרייז וועגן געוויסע דעמאָלסטיקע פּאַסירונגען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד, איז בעת דער דיסקוסיע נאָכן רעפעראַט געקומען צו אַ שאַרפער מחלוקה צווישן בעקן און אייניקע יידישע חברים צוליב בעקס אַ זייער אומטאַקטישער באַמערקונג. האָט נאָך דעם דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פאַריין באַשלאָסן נישט צו געבן קיין ווערטער די אַנאַרכיסטן ביי זייערע צונויפקומען. בלויז פאַר מיר האָט מען געוואָלט מאַכן אַן אויסנאָם. פאַרשטייט זיך, אַז מיר איז אַפילו נישט איינגעפאַלן זיך צו באַנוצן מיט אָט־דער פּריווילעגיע און איך האָב גענצלעך אָפּגעשטעלט די וויזיטן, וואָס איך פלעג דאָרט מאַכן פון צייט צו צייט. דער סאָציאַליסטישער פאַריין האָט דערנאָך געפירט אַ היפּש איזאָלירט לעבן און אַזוי ווי זיינע פאַרזאַמלונגען זיינען וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער באַזוכט געוואָרן, איז ער ביסלעכווייז אינגאַנצן אַראָפּ פון דער סצענע.

חוץ די אַנאַרכיסטן און סאָציאַלדעמאָקראַטן איז געווען צווישן די יידישע אַרבעטער אין פּאַריז אויך אַן אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע, וועמענס מיטגלידער זיינען געווען סאָציאַליסטן פון די פאַרשידנדיקסטע ריכטונגען. זי פלעגט אָפּהאַלטן אירע צוזאַמענקומען יעדן פרייטיקצונאַכטס אינעם קאַפעהויז „טרעזאָר” אויף דער גאַס וויעי די טאַמפּל, צו וועלכע ס'פלעגן קומען דורכשניטלעך פון 150 ביז 200 מענטשן.

אַט־די צונויפקומען זיינען אין אַלגעמיין שטענדיק געווען אָנרעגנדיקע, ווייל זיי האָבן תמיד געגעבן אַ געלעגנהייט פאַר אַן אינטערעסאַנטער דיסקוסיע צווישן די פאַרשידענע טענדענצן. געווען דאָרט אַנאַרכיסטן, סאָציאַלדעמאָקראַטן, אייניקע אַלטע אָנהענגער פון די „נאַראָדנאָוואָלצעס״ און חברים, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן ביי לאַווראָווס ספּעציעלע אידעען. דעם גרעסטן רוב פון די רעפעראַטן האָט מען דאָרט געהאַלטן אין יידיש, אָבער צייטנווייז פלעגן אויך אַרויסטרעטן רעדנער אין רוסיש, אין פראַנצויזיש און אין דייטש. אין אַלגעמיין האָט ביי יענע צונויפקומען געהערשט אַ זייער טאָלעראַנטער גייסט און די געזעלשאַפטלעכע באַציונגען צווישן די אָנהענגער פון די פאַרשידענע ריכטונגען זיינען געווען זייער פריינטלעכע. אַזוי ווי די אַנאַרכיסטן זיינען אין יענעם קרייז געווען צום שטאַרקסטן פאַרטראַטן און חוץ דעם געהאַט די בעסטע רעדנער, איז זייער איינפלוס געוואָרן שטאַרק אָנזעעווודיק, הגם קיינער איז צוליב דעם נישט געווען ברוגז, ווייל מ׳האָט די אָנהענגער פון די אַנדערע ריכטונגען געגעבן אַלע מעגלעכקייטן פאַר אַ פרייען געדאַנקען־אויסטויש. וואָס מען האָט געזוכט, איז געווען איינער דעם אַנדערן צו איבערצייגן און דער קעגנזייטיקער בייט פון מיינונגען איז געווען דאָס פּאַסיקסטע מיטל פאַר דעם און אויך איינינוועגס אַ מיטל צו פאַרטיפן די פּראָבלעם, וועגן וועלכע מ׳האָט דיסקוטירט, און זיי באַקרעפטיקן מיט נייע אַרגומענטן.

אין דער צייט פון מיין אויפהאַלט אין פּאַריז האָב איך אין קאַפעהויז „טרעזאָר״ געהאַלטן זייער אַ סך רעפעראַטן און זיך שטענדיק באַטייליקט אין די דעבאַטן. און איך וויל זיך דאָ מודה זיין, אַז די דיסקוסיעס מיט די אָנהענגער פון די פאַרשידענע טענדענצן זיינען פאַר מיר געווען אַ גוטע שול. אין אונדזער דייטשן קרייז האָט מען ביכלל שוין פון פאָרויס געוווסט, מיט וואָס פאַראַ טענות דער קעגנער וועט אַרויסקומען, ווייל אַלע האָבן מיר דורכגעמאַכט דיזעלביקע שול און אַט־די מיינונג אונדזערע פלעגט אָפט באַשטימט ווערן דורך דעם באַזונדערן, ספּעציפישן שטייגער פון אונדזער אידעאָלאָגיע. אָבער דאָ האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו הערן אינטערפּרעטאַציעס, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן ביי גאַנץ אַנדערשדיקע לעבנס־באַדינגונגען און זיי זיינען געווען אַ מאָטיוו פאַר גאַנץ אַנדערע אויסטייטשונגען, וועלכע זיינען פאַר מיר געווען אינגאַנצן נייע. קיין שום זאַך איז אַזוי נישט מסוגל אָנצורעגן דעם גייסט ווי אַ פרעמדע סביבה און נייע דערפאַרונגען, וועלכע ברייטערן אויס דעם גייסטיקן האָריזאָנט און פאַרשאַרפן די פאַרשטענדעניש, אויב נאָר מ׳האָט ביכלל אַ פאַרשטענדעניש פאַר אַזעלכע זאַכן.

אין פּאַריז האָב איך זיך אויך באַקענט מיט ש. יאַנאָווסקין, דעמאָלסט דער רעדאַקטאָר פונעם אַנאַרכיסטישן וואָכנבלאַט אין לאָנדאָן, „אַרבייטער־פריינד״. יאַנאָווסקי איז געקומען קיין פּאַריז אויף עטלעכע טעג, אויף דער פאַרבעטונג פון די חברים, ביכדי צו רעדן ביי דער גרויסער יום־כּיפּור־פאַרזאַמלונג, וועלכע די חברים האָבן אַראַנזשירט און ביי וועלכער אויך איך בין געווען אַרויסגעשטעלט ווי אַ רעדנער. יאַנאָווסקי איז געווען אַ זייער פעיקער זשורנאַליסט און זיין זשורנאַל האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אין די ראַדיקאַלע קרייזן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. ער איז

דעמאָלט געווען אין סאַמע בלי פון זיין לעבן און איז, אַגב, געווען אַ מענטש מיט אַ גרויסער ווילנסקראַפט, און חוץ דעם אַ גרויסער רעדנער, וועמענס בייסיקע איראָניע האָט פון אים געמאַכט אַזאַ קעגנער, פאַר וועמען אַלע דיסקוטאַנטן האָבן זיך געשראָקן.

איך האָב זיך אין יענע יאָרן אין פּאַריז דערוואָרבן אַ סך פריינט אויפן גאַנצן לעבן צווישן די יידישע אַרבעטער. און נאָך היינט טראַכט איך מיט אַ גרויסער אינער־לעכער באַפרידיקונג וועגן יענער אַזוי לאַנג־פאַרשוווּנדענער צייט. דאָס, וואָס האָט פאַר מיר יענע סביבה געמאַכט אַזוי ליב און אומפאַרגעסלעך, איז געווען די ריינקייט פון איבערצייגונגען, די לעבעדיקע אמונה אין אַ גערעכטן אידעאַל און די אומבאַ־גרענעצטע קרבנות־גרייטקייט מיצד אירע מיטגלידער. און ווען אפילו דער גרעסטער טייל פון יענע מענער און פרויען האָט געמוזט פאַרדינען אויף זייער חיונה ביי גאָר שווערע אומשטענדן, האָבן זיי אָבער שטענדיק געהאַט אַן אָפענע האַנט און טאַקע גאַנץ אָפט אוועקגעגעבן דאָס לעצטע, כדי צו דינען זייערע איבערצייגונגען.

און ווען די יידישע פראַגע האָט, צוליב דער אַזוי גערופענער נאַציאָנאַלער רע־וואָלוציע אין דייטשלאַנד, באַקומען אַן אַלוועלטלעכן באַדייט און האָט אין אַ סך לענ־דער גורם געווען אַזעלכע רדיפות, וואָס שטעלן אַוועק אין שאָטן אַלץ, וואָס ס'האָט ווען עס איז אַרויסגעבראַכט די מענטשלעכע דערנידערונג און די ברוטאַלע פאַרפאַל־גונגס־מאַנקאַליע, איז פאַר מיר געוואָרן נאָך גרעסטער די באַדערפעניש אַרויסצושטעלן מיין אייגענע דערפאַרונג קעגן יענעם מבול פון שמוץ און באַרבאַריע. בעת מיינע לאַנגיאָריקע באַציונגען מיט יידן האָב איך ביי די יידן פון די פאַרשידנדיקסטע לענדער נישט געפונען קיין שום זאַך, וואָס זאָל זיי וועזנטלעך אונטערשיידן פון די אַנדערע עטנישע גרופּן. איך האָב קיין מאָל נישט געהאַלטן, אַז די יידן זיינען דאָס זאַלץ פון דער ערד; דעריבער איז מיין געדאַנק און מיין געפיל אין שאַרפסטן קעגנ־זאַץ צו יענער באַרבאַרישער אינטערפּרעטאַציע, וואָס האָט געמאַכט דעם יידן, בלויז נאָר צוליב זיין אָפּשטאַם, פאַרן זינדנבאָק צוליב אַלע חסרונות פון דער געזעלשאַפט. אין אַלע לענדער איז די שינאה צום יידן תמיד געווען אַ מיטל פון דער פינצטערסטער רעאַקציע און זי איז עס נאָך אַזוי ביז צום היינטיקן טאָג.

די פּאָזיציע פון אַ פאָלק לגבי די יידן איז אַ פּרוּווּשטיין פון זיין מענטשלעכן געפיל און פון זיין גייסטיקער פעיקייט פאַרן געזעלשאַפטלעכן פּראָגרעס. דער גייסט פון דער דעמאָקראַטיע און פונעם ליבעראַליזם איז עס געווען יענער כוח, וועלכער האָט אויפגעריסן די טויערן פונעם אַלטן געטאָ און געפונען זיין אויסדרוק אין דער יורי־דישער גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע מענטשלעכע באַשעפענישן. ווען איר זאָלט באַנייס איינשפּאַרן די יידן אינעם אַלטן געטאָ, וואָלט איר דערמיט אויך זיך אַליין אַריינגע־שפּאַרט אין אַ נאָך גרעסערן געטאָ פון באַרבאַריע און גייסטיקער חשכות. דאָס נאַצי־שע דייטשלאַנד איז דער בעסטער באַווייז פאַר דעם. דאָס אַרויסשטויסן די יידן פונעם עפנטלעכן לעבן האָט דאָס דייטשע פאָלק נישט געמאַכט פרייער און גליקלעכער. דאָס איינציקע, וואָס עס האָט יאָ געטאָן, איז געווען עס צו באַלאַסטן מיט נאָך שטאַר־קערע קייטן, דערשטיקן זיין מענטשלעכע חשיבות און עס אריינשליידערן אין א

תהום פון נידערטרעכטיקייט, וועלכער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א גורלדיקן אומגליק פאַר דער גאַנצער וועלט. דער געלער מגן־דוויד און די געלע לאַטע דערנידעריקט נישט זייערע קרבנות, זיי זיינען בלויז דער קין־צייכן פון אַ פחדנישער באַרבאַריע, וועלכע האָט זיך אַליין אָוועקגעשטעלט מחוץ למחנה, מחוץ די גרענעצן פון דער מענטשלעכער פאַמיליע.

# לאָנדאָן

## מיין ערשטע רייזע קיין לאָנדאָן

אין פעברואַר 1893 האָב איך באַקומען אַ פאַרבעטונג פון דער גרופּע „אַוטאָ־נאָמי" צו קומען קיין לאָנדאָן, כּדי צו רעדן מיט די חברים וועגן פּראָבלעם פון שמוגל פון אונדזער ליטעראַטור איבער דער דייטש־בעלגישער גרענעץ, וועלכער איז אָפּגעשטעלט געוואָרן צוליב דעם אַרעסט פון אייניקע חברים. מ'האָט מיר נישט געשריבן קיין פּרטים, ווייל אַזעלכע זאַכן דערליידיקט מען בעסער פּערזענלעך. איז דאָס געווען אַ רייזע, וועלכע איך וועל קיינמאָל אין מיין לעבן נישט פאַרגעסן. ווען איך בין אַרויסגעפאָרן פון פּאַריז, אַרום 9 אַזייגער ביינאַכט, האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער אייזקאַלטער ווינט אין די גאַסן פון שטאָט. וואָס מער די באַן האָט זיך דערנענטערט צום ברעג, אַלץ שווערער איז געוואָרן דער שטורעם. ווען מיר זיינען לסוף אָנגעקומען קיין דיעפּ, האָט שוין דער שטורעם אַזוי שטאַרק געבושעוועט, אַז מיר האָבן זיך כּימעט נישט געקאָנט האַלטן אויף די פיס אויפן קורצן מהלך ביז צו דער שיף. פאַקטיש איז דער שטורעם געווען אַזאַ ערנסטער, אַז מ'האָט לכתחילה געהאַט בדעה אָפּצושטעלן די רייזע יענע נאַכט. אָבער ווען מיר האָבן זיך, נאָך אַ בערך צוויי שעהדיקער פאַר־שפּעטיקונג, ענדלעך געפונען אויפן ים, האָב איך געמיינט, אַז די שיף וועט אונטער־גיין. זי האָט געסקריפּעט און געקרעכצט, גלייך ווי זי וואָלט זיך צו יעדן מאָמענט געוואָלט שפּאַלטן אויף פּיצפּיצלעך. ס'איז געווען אַ שרעקלעכע נאַכט. נאַטירלעך, אַז מיר האָבן אַלע געליטן פון דער ים־קראַנקייט און אַפילו אייניקע מאַטראָזן האָבן געצאָלט זייער טריבוט דעם גאָט פון ים.

כ'האָב זיך אַוועקגעזעצט אין דער הינטערשטער טייל פון דער שיף, אויף אַן אָרט, וואָס איז געווען אַביסל באַשירעמט, אויף אַ הויפן שטריק, און ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די נשמה גייט מיר אויס. נאָך אַ צוויי אָדער דריי שעהדיקער רייזע אויפן אָפענעם ים, איז דער שטורעם געוואָרן אַזוי גוואַלטזאַם, אַז די מאַטראָזן האָבן אָנגעהויבן פונאַנדערטיילן רעטונגס־גאַרטלען צווישן די פּאַסאַזשירן. דער צוועק דער־פון איז מיר געווען לגמרי אומפאַרשטענדלעך. ביי אַזאַ צעשטורעמטן ים האָבן זיי אונדז צו גאָרנישט געקאָנט נוצן. האָב איך זיך טאַקע מיינעם נישט אָנגעטאָן. פון צייט צו צייט האָב איך געזען פונדערווייטנס שוואַכע ליכטצייכנס, וועלכע זיינען באַלד ווידער פאַרשוונדן. לויט דעם, וואָס מ'האָט מיר שפּעטער געזאָגט, זיינען מיר געפאָרן זייער נאָענט פונעם ענגלישן ברעג, אָבער מיר האָבן זיך נישט געקאָנט דערנענטערן, ווייל ס'איז געווען צו סכּנותדיק. ס'האָט שוין אָנגעהויבן גרויען אויף טאָג און נאָך האָבן מיר נישט געזען קיין יבשה פאַר די אויגן. מיר האָבן געדאַרפט אָנקומען זעקס

אַזייגער אינדערפרי אין ניו האַפן, מחמת די רייזע איבערן קאַנאַל דויערט נישט מער ווי פיר שעה צייט. אָבער ערשט מיטיקצייט האָבן מיר געקאָנט אַריינפאָרן אין פּאָרט. נאָכדעם האָב איך געלייענט אין די צייטונגען, אַז יענע נאַכט האָבן זיך איבער אַ צענדליק קלענערע שיפלעך אָנגעשלאָגן אָן ענגלישן ברעג און זיינען שטאַרק צעשעדיקט געוואָרן.

ס'איז שוין געווען כמעט דריי אַזייגער, ווען אונדזער צוג איז אַריינגעקומען אין דער לאָנדאָנער ברידזש סטיישאָן. אַזוי ווי איך האָב געלאָזט וויסן מיינע לאָנדאָנער חברים וועגן מיין אָנקום, האָב איך דערוואַרט, אַז עמיץ זאָל אויף מיר וואַרטן ביי דער באַן. ס'איז אָבער קיינער נישט געווען. און די שולד איז דאָ זיכער נישט געווען קיינעמס; דאָס איז גיכער געווען צוליב דער לאַנגער פאַרשפּעטיקונג. האָב איך נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי אַוועקלאָזן זיך צופוס, ביכדי אָנצוקומען צו האַנס ריפּפּערס אַרבעטספּלאַץ אין פאַלאנד־סטריט. אַזוי ווי איך האָב נישט געקאָנט די שפּראַך און אויך נישט געוווסט גאָרנישט וועגן די לאָנדאָנער קאָמוניקאַציע־מיטלען און טאַקע אויך נישט געוווסט, צי דאָס ביסל קליינגעלט, וואָס כ'האָב געהאַט מיט זיך, וועט קלעקן צו נעמען אַ דראָזשקע, האָב איך באַשלאָסן דורכצומאַכן דעם וועג צופוס. אַזוי אַרום האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען אַ טייל פון דער ריזיקער שטאָט.

דער ערשטער איינדרוק, וואָס איך האָב באַקומען פון לאָנדאָן, איז נישט געווען קיין גינציקער. דאָס, וואָס האָט דעמאָלסט צומייַנסט געוועקט מיין אויפמערקזאַמקייט, זיינען געווען די פראָנטן פון די געביידעס, פאַרסאַזשעטע פונעם רויך, וועלכע האָבן געגעבן דער שטאָט אַ מרה־שחורהדיקן אויסזען. אויך דאָס גאַסנלעבן איז געווען לגמרי אַנדערשדיק ווי דאָס גאַסנלעבן פון פּאַריז. מ'האָט נישט געזען אַפילו קיין סימן פון אַ גרין בלעטל אין די גאַסן און ס'האָבן אויך געפעלט די קאַפעהייזער, וועלכע מאַכן פּאַריז אַזוי אַטראַקטיוו אין די אויגן פונעם אויסלענדער. אַלץ האָט דאָ געהאַט אַ ריין־קאָמערציעלן פּרצוף. אַפילו די מענטשן, וואָס מ'האָט געזען אין די שטאַרק באַלעבטע גאַסן, האָבן געמאַכט אַ גאַנץ אַנדערן איינדרוק. יעדער איינער איז זיך געגאַנגען אויף זיין וועג, פאַרטאָן אין זיך, גלייך ווי אים וואָלט גאָרנישט אָנגעגאַנגען, וואָס עס טוט זיך אַרום אים. ס'איז נישט געווען גאָרנישט פונעם באַוועגלעכן, רעשיקן און קאָכיקן פּאַריזער לעבן. אַפילו דער ריזיקער שטאָטישער פאַרקער מיט זיינע אומאויפהערלעכע שורות אָמניבוסן און אַלערליי וועגענער, וועלכער איז אויף די הויפּט־וועגן רעגולירט געוואָרן דורך פּאָליציאַנטן, האָט זיך באַוועגט כימעט אָן גערויש און ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ריזיקן מעכאַניזם, וועלכער האָט זיך באַוויגן פון זיך אַליין און נישט געדאַרפט האָבן קיין שום דרויסנדיקע הילף.

אַנדערהאַלבן שעה בערך האָט ביי מיר געדויערט, ביז איך בין אָנגעקומען צום אָרט, וווהין איך האָב געדאַרפט אָנקומען, זיך נאָכפרעגנדיק אויפן וועג. צו מיין גרויסער פרייד האָב איך ביי ריפּפּערן אין הויז אויך געטראָפן מאַקס באַגינסקי'ן, וועלכער האָט אָפּגעלייגט אויף עטלעכע וואָכן זיין אָפּפאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן. מיר האָבן, דעם זעלביקן אָוונט נאָך, באַזוכט דעם חבר ר. גונדערזען, וועמענס נאָמען ס'איז מיר געווען באַקאַנט נאָך פון דייטשלאַנד, ווי דער אַרויסגעבער פונעם זשורנאַל

„אַוטאָנאָמי". אינעם קרייז פון די אַלטע אויטאָנאָמיסטן איז גונדערזען בלי שום ספק געווען איינער פון די סימפּאַטישסטע פּערזאָנען. זיין לייטזעליקער און אָפּנהאַרציקער כאַראַקטער האָט אויף אַלעמען געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק. ער איז געווען אַ נאַר־ וועגער, און חוץ דעם לשון פון זיין לאַנד האָט ער נאָך גערעדט פליסיק דייטש, פראַנ־ צויזיש און ענגליש. זיין בלייך פּנים מיט דער שוואַרצער באָרד און די טונקעלע, אַביסל איינגעגראָבענע אויגן, האָבן אים גיכער געגעבן דאָס אויסזען פון אַ פּענ־ מענטש, איידער פון אַ שניידער.

אין יענער נאַכט איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס מ׳האָט פאַרלאַנגט מיין קומען קיין לאָנדאָן. איך האָב געוווסט, אז מ׳האָט געהאַט בדעה צו אָרגאַניזירן פונדאַסניי דאָס אַריינשמוגלען איבער דער גרענעץ ליטעראַטור קיין דייטשלאַנד. מיר איז אָבער נישט איינגעפאַלן, אַז ריפּפער, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט ביי דער געלעגנ־ הייט, ווען ער האָט באַזוכט מאַינץ, האָט מיך פאַרגעלייגט ווי דעם דורכפירער פון אָט־ די אַלע פּראָיעקטן. פאַר דעם צוועק איז באַשטימט געוואָרן אַ צונויפקום פון נענטערע חברים אויף זונטיק אינעם הויז פון אַן אַלטן חבר, ווו ס׳האָבן געזאָלט דיסקוטירט ווערן אַלע פּרטים. לויטן אופן, ווי אַזוי גונדערזען האָט גערעדט וועגן דעם דאָזיקן ענין, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז ריפּפער האָט פאַרזיכערט די לאָנדאָנער חברים, אז איך האָב זיך אונטערגענומען דורכצופירן אָט־דעם פּלאַן. אינדעראמתן אָבער האָט ער מיר אין אַ בריוו בלויז געגעבן עפּעס אָנצוהערן וועגן דעם, בלויז געלאָזט פאַלן אייניקע אומבאַשטימטע ווערטער, פון וועלכע ס׳איז בשום אופן נישט געווען אַרויסצודרינגען, אַז ער האָט מיך אויפן אויג פאַר דער דורכפירונג פון אָט־ די אַרבעטן. ער האָט זיך פאַרענטפערט דערמיט, וואָס אין אַ בריוו מוז מען זיין גע־ וואָרנט צו רעדן צו אָפן וועגן אַזעלכע געפערלעכע זאַכן. חוץ דעם איז ער געווען פעסט איבערצייגט, אז נישט בלויז בין איך דער פּאַסיקער מענטש פאר דער דורכפי־ רונג פון יענער אַרבעט, נייערט, אַז איך טאָר נישט אָפּזאָגן מיין הילף דער באַוועגונג, מחמת אין איצטיקן מאָמענט איז נישט מעגלעך צו געפינען אַן אַנדערן פאַר אָט־דער אַרבעט.

אָט־דער פּלאַן האָט געמאַכט אַ תל פון אַלע מיינע כוונות פאַר דער נאָענטער צו־ קונפט. אָבער איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ביי די איצטיקע אומשטענדן קאָן איך נישט אַנטוישן די האָפענונגען און דעם צוטרוי, וואָס די חברים ווייזן־אַרויס צו מיר, כל־זמן ס׳איז נישט פאַראַן קיין אַנדערער צו פאַרנעמען דעמדאָזיקן פּלאַץ. אגב, האָט דער ענין געהאַט אַ געוויסן רייץ פאַר מיר און איז געווען בהסכם מיט מיינע יוגנטלעכע נייגונגען, מכל־שכן נאָך, וואָס ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן ענין, וואָס איז דאָך מיך אַליין אויך שטאַרק אָנגעגאַנגען.

זונטיק נאָכמיטיק איז די געפּלאַנטע זיצונג פאָרגעקומען אין דער וווינונג פונעם חבר אַלבין ראָמאַן, אויף שטאַרלינג קראָס ראָוד. ס׳זיינען צו איר פאַרבעטן געוואָרן בלויז עטלעכע צוטרוילעכע חברים, אין וועמענס רעזערווירטקייט מ׳האָט געקאָנט האָבן אַן אַבסאָלוטן צוטרוי. חוץ ראָמאַן, גונדערזען, ריפּפער און באַגינסקי, זיינען

אויך געווען די חברים רעדער, ליסקע, וואלהאוזען, דיטמאַן און אַנדערע צוויי חברים, וועמענס נעמען איך דערמאָן זיך נישט.

איידער נאָך מיר האָבן אָנגעהויבן די דיסקוסיע, האָט באַגינסקי דערקלערט, אַז ס׳וואָלט אפשר גלייכער געווען צו באַהאַנדלען די פראַגע, צי האָט א זין און אַ צוועק ביי די איצטיקע אומשטענדן ווייטער אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל „אַוטאָנאָמי״. ביכדי צו באַגרינדן זיין מיינונג, האָט ער אויסגעפירט, אז די באַוועגונג פון די „יונגע״ האָט זיך נאָך דעם ערפורטער קאָנגרעס פאַרנומען אויף אַזאַ וועג, וואָס דערנענטערט זיי שטאַרק צו די אינטערפּרעטאַציעס פונעם פרייהייטלעכן סאָציאַליזם. ס׳איז דעריבער אומפאַרמיידלעך, אַז זי זאָל דורך איר אינערלעכער אַנטוויקלונג דערגיין צום אַנאַר־כיזם. דער „סאָציאַליסט״, דער אָרגאַן פון דער נייער באַוועגונג, גיט שוין איצט די אַנאַרכיסטן אַלע מעגלעכקייטן אַרויסצוברענגען אין אים זייערע אַנזיכטן. דעריבער איז, לויט אים, פיל לויבבאַרער צו העלפן מיט אַלע מעגלעכקייטן דער באַוועגונג אין דייטשלאַנד גופא און זי באַפרוכפּערן מיטן אַנאַרכיסטישן גייסט, אַנשטאָט צו פירן אַן אָפּגעזונדערט לעבן, וועלכעס האָט ביי די הערשנדיקע אומשטענדן נישט קיין שום זין. כל־זמן דער אַנאַרכיזם אין דייטשלאַנד האָט נישט געקאָנט באַקומען קיין שום אָפּענעם אויסדרוק, האָט די אַנאַרכיסטישע פּרעסע אין אויסלאַנד דערפילט איר שליחות, וועלכע האָט באַרעכטיקט אַלע קרבנות. אָבער איצט, ביי די נייע אומשטענדן, האָט נישט קיין שום זין אָנצוגיין ווייטער מיט אַן אַרבעט, וועלכע קאָן געטאָן ווערן פיל בעסער אין דייטשלאַנד גופא, וואָרום די דאָרטיקע חברים ווייסן דאָך בעסער, וואָס ס׳איז פּאַסיקער פאַר זייערע באַדערפענישן, איידער די חברים, וועלכע ווילן דאָס מאַכן אין אויסלאַנד.

אויך אַלבין ראָמאַן האָט זיך אַרויסגעזאָגט בערך אינעם זעלביקן זין. ס׳איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז מיטן אויסנאַם פון ריפּפּער און ליסקע האָבן אַלע אָנוועזנדיקע חברים די זעלביקע מיינונג. ס׳איז נישט געווען קיין ספק, אַז ס׳איז אַנטשטאַנען אַ געוויסע מידקייט ביי די אַלטע אַרויסגעבער פונעם זשורנאַל. זיי האָבן אים שויז אַרויסגעגעבן במשך פון זיבן יאָר צייט, און חוץ דעם אַ געוויסע צאָל בראָשורן, און פון דייטשלאַנד גופא האָבן זיי נישט באַקומען אַפילו קיין גראָשן. די גאַנצע לאַסט פונעם אָפּדרוקן דאָס אַלעס, מיטן צוגאָב פון די הוצאות פונעם אַריבערשמוגלען עס קיין דייטשלאַנד, איז געפאַלן אויף אַ פאַרהעלטנישמעסיק קליינער צאָל מענטשן, וועל־כע האָבן געבראַכט די גרעסטע פּערזענלעכע קרבנות, וואָס מ׳האָט פון זיי געקאָנט דערוואַרטן. מ׳מעג זיך האָבן וואָס פאַראַ מיינונג מ׳וויל וועגן דער פּראָפּאַגאַנדיסטי־שער ווירקונג פון דער „אַוטאָנאָמי״, אָבער קיינער קאָן נישט צווייפלען אין דער אומ־דערמידלעכער קרבנות־גרייטקייט פון אירע אַרויסגעבער.

ס׳איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז די „אַוטאָנאָמי״ האָט שוין נישט געקאָנט באַפרידיקן די גייסטיקע באַדערפענישן פון דער דייטשער באַוועגונג. דאָס איינציקע, וואָס זי האָט נאָך געקאָנט טאָן, איז געווען צו פאַרעפנטלעכן אייניקע זאַכן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט געזאָגט ווערן אָפן אין די אומשטענדן, אין וועלכע די דייטשע פּרעסע האָט זיך געפונען. און צוליב דעם אַליין האָט נישט געלוינט די מי. איז דע־

ריבער ביי יענעם צונויפקום באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצולאָזן בלויז נאָך איין נומער פונעם זשורנאַל, ביכדי צו לאָזן וויסן די לייענער וועגן אָפּשטעל זיינעם און וועגן די סיבות דערפון. אַזוי איז טאַקע געווען. זיבן וואָכן נאָכדעם איז אַרויס דער לעצטער נומער פון זשורנאַל „אַוטאָנאָמי", וועלכער האָט געקאָסט אַזוי פיל און אַזעלכע גרויסע קרבנות אין די יאָרן פון זיין עקזיסטענץ. מיר האָבן די חברים איבערגעגעבן די אַר־בעט אָנצושרייבן דאָס געזעגנאַרטיקל, אָבער ווען איך בין צוריקגעקומען קיין פּאַריז, איז מיר אויפן רעכטן אויג אַרויס אַ בייזאַרטיקער געשוויר, וועלכער האָט מיך אַ גאַנצן חודש צייט געהאַלטן דערווייטערט פון דער אַרבעט. דעריבער איז אָט־די אַרבעט פאַר־געבן געוואָרן בערנאַרד קאַמפּפמייערן, וועלכער האָט זי טאַקע געמאַכט. איך האָב גע־האַט בדעה צו מאַכן אַן אַנדער מין אַרבעט, אָבער היות ווי קאַמפּפמייער האָט זיך קיינ־מאָל נישט געהאַט באַטייליקט אינעם געהיימען פאַרשפּרייט פונעם זשורנאַל אין דייטש־לאַנד, האָט מען נישט געקאָנט דערוואַרטן פון אים, ער זאָל זען די זאַכן אין זעלביקן ליכט ווי איך און אַנדערע.

צום באַדויערן האָט דער „סאָציאַליסט" געענטפערט אויף אָט־דעם אַרטיקל, וועל־כער איז נישט געווען אונטערגעשריבן, מיט אַן אומפּאַסיקן נאָטיץ, וועלכע איז געווען איבעריק און אומנייטיק, ווייל די פריערדיקע עיניינים האָבן שוין איצט נישט געקאָנט געענדערט ווערן און איז בלויז געווען א מאָטיוו פון אומנוצלעכע רייבונגען. ווי מיר זיינען שפּעטער געוויר געוואָרן, איז עס געווען ווילדבערגער, וועלכער האָט אָנגע־שריבן די דאָזיקע בייזוויליקע שורות. ווילדבערגער, וועלכער האָט זיך אין משך פון גאַנצן לעבן זיינעם נישט געקאָנט באַפרייען פון דער מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע, איז קיינמאָל נישט געווען צוגעבייגט צו די אַנאַרכיסטן און די אויסוויקלונג פון דער באַ־וועגונג אין דייטשלאַנד האָט, צום באַדויערן, נישט צוגעהאָלפן צו מילדערן און באַ־זאָנפטיקן זיין קריטעריום. פונדעסטוועגן וואָלט ער געווען געטאָן א סך בעסער צו באַהערשן, גובר זיין זיין אינערלעכע שינאה. אין דער פאַרמירונג פון דער באַוועגונג האָט ער שוין סיי־ווי־סיי גאָרנישט געקאָנט באַאיינפלוסן. די אַנטוויקלונג פון דייטש־לאַנד איז זיך געגאַנגען אויף איר וועג און דער „סאָציאַליסט" האָט זיך נאָך אין דעם זעלביקן יאָר אַרויסגעזאָגט לטובת דעם אַנאַרכיזם.

איך בין נאָך א גאַנצע וואָך פאַרבליבן אין לאָנדאָן. דאָס וועטער איז געווען אויסערגעוויינלעך שיין און וואַרעם, אַזוי ווי אין סאַמע זומער. איך דערמאָן זיך נאָך איצט אין אַן אַרויספאָר מיט ריפּפּערן און באַגינסקין אינעם גרינוויטש־פּאַרק, ווו מיר האָבן זיך, צופרידענע, אויסגעצויגן אויפן גראָז, וועלכעס איז אין די דרומדיקע טיילן פונעם לאַנד גרין ביז צום סאַמע ווינטער. נאַטירלעך, אַז דאָס וועטער איז אין יענער צייט געווען אַן אויסנאַמלעכס אויך פאַר לאָנדאָן. פון מיין גאַנצן שפּעטערדיקן אויפהאַלט אין לאָנדאָן דערמאָן איך זיך נישט, ס'זאָל געווען האָבן געהערשט אַזאַ מילד וועטער אין אָט־דער צייט פונעם יאָר.

בעת מיין ערשטן וויזיט קיין לאָנדאָן, האָב איך געוווינט ביי מאַקס באַגינסקי. און מיר האָבן גוט אויסגענוצט די טעג, וואָס מיר האָבן געהאַט, כדי אַזוי פיל צו זען פון דער ריזיקער שטאָט ווי דאָס איז נאָר מעגלעך געווען אין דער קורצער צייט. דורך

באַגינסקין האָב איך זיך דעמאָלט בעסער באַקענט מיט אַלבין ראָמאַנען, מיט וועמען ער איז געווען שטאַרק נאָענט נאָך פון בערלין. איך האָב נאָך אין דייטשלאַנד גע־ ווּוסט וועגן טראַגישן גורל פון דעם דאָזיקן מוטיקן מענטשן און איך בין דעריבער געווען שטאַרק צופרידן, וואָס איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט זיך מיט אים נענטער צו באַקענען.

אַלבין ראָמאַן איז געבוירן געוואָרן אין גערא. פון פאַך איז ער געווען אַן איינ־ בינדער. היות ער האָט געהאַט גרויסע גייסטיקע פעיקייטן און ער איז שטענדיק געווען פול מיט באַגערן אָנצוזאַמלען מער וויסן און קענטעניש, איז ער יונגערהייט געקומען אין באַריר מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און ער האָט שפּעטער, אין דער תקופה פונעם „אַנטיסאָציאַליסטן־געזעץ", געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער געהיימער בערלינער אָרגאַניזאַציע. צווישן די ווונדערבאַרע מענטשן, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט נישט געלאָזט אונטעריאָכן פונעם שענדלעכן אויסנאַמסגעזעץ און וועלכע האָבן קאָנצענטרירט זייער גאַנצע ענערגיע קעגן ביסמאַרקס טיראַניע, איז אַלבין ראָמאַן געווען צווישן די געוואַגטסטע. ער איז געווען דעלעגאַט פונעם ערשטן בער־ לינער דיסטריקט און ער האָט פאַרוואַלטעט מיט די געהיימע פאָנדן פון דער באַוועגונג. דורך זיינע הענט איז דורכגעגאַנגען אַ היפּשע צאָל געהיימע דראָטן. עפּעס אַן אומפאַרזיכטיקייט, אַן אומפאַרויסגעזעענער פּרט אָדער אַ פאַרראַט האָבן געקאָנט גורם זיין אומבאַשרייבלעכע אומגליקן פאַר הונדערטער מענטשן און וואָלט באַטייט דעם חורבן פון דער גאַנצער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע. ס'האָט קיינער קיינמאָל נישט דערפילט מיט אַזוי פיל אָפּגעהיטקייט און געטרייקייט זיין שווערע שליחות; ס'איז קיינמאָל ביי קיינעם נישט געקומען צו זיין גערעכטפאַרטיקט געוואָרן בעסער דער צוטרוי, וואָס די געהיימע באַוועגונג האָט געהאַט צו אים. דעריבער איז געווען אויף אַזוי פיל שרעק־ לעכער דער גורל, וואָס איז אים איז געווען באַשערט.

צווישן דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּראַקציע פונעם רייכסטאַג און דעם ענגערן קרייז פון דער בערלינער אונטערערדישער באַוועגונג איז אין דער צייט פונעם אַנטי־ סאָציאַליסטן־געזעץ באַשטאַנען אַ טיפע אָפּאָזיציע. די בערלינער האָבן נישט געוואָלט איבערגעבן זייער געלט פאַרן צענטראַלן פאָנד אָדער שטיצן דערמיט קאָלירלאָזע זשורנאַלן, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין אַ באַקוועמער סובסטיטוט פאַר דער פאַרווער־ טער פּאַרטיי־פּרעסע. ווען ס'איז געקומען די צייט, ווען די אויסנאַמגעזעצן זיינען אָנגעווענדט געוואָרן אַביסל מילדער, האָבן זיך די אָנהענגער פון דער בערלינער פּראַקציע צוגעאיילט צו גרינדן אַ צייטונג, דאָס „בערלינער פאָלקסבלאַט", פון וועלכן ס'איז דערנאָך אַרויסגעקומען דער „פאָרווערטס". אָבער אַזוי ווי די אַרויסגעבער זיינען געווען אָפּהענגיק פון דער הילף פון דער געהיימער אָרגאַניזאַציע, זיינען פאָרגעקומען לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, ביז מ'איז, לסוף, געקומען צו אַ הסכם, אַז אַ פאָרשטייער פונעם אינערלעכן קרייז דאַרף אוועקגעשטעלט ווערן ווי אַ רעדאַקטאָר פון דער גע־ ווערקשאַפטלעכער אָפּטיילונג פונעם „פאָלקסבלאַט". פאַר אָט־דער שטעלע איז אויסגע־ קליבן געוואָרן דער חבר אַלבין ראָמאַן. ראָמאַן האָט נאָך אין יאָר 1887 רעפּרעזענ־ טירט די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פונעם געהיימען קאָנגרעס פון סען־גאַל אין דער

שווייך און ער האָט געהאַט צו זיך דעם אומקאָנדיציאָנעלן צוטרוי פון זיינע חברים זוי קיין שום אַנדערער חבר האָט ווען עס איז אַזעלכעס געהאַט.

מיטאַמאָל איז דער „סאָציאַלדעמאָקראַט״, דער אומלעגאַלער אָרגאַן פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דער צייט פונעם אויסנאַמגעזעץ, קורץ פאַר דעם איידער ראָמאַן האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער נייער טענדענץ, אַרויסגעקומען מיט דער וואָרענונג, אין וועלכער ס׳איז געמאָלדן געוואָרן די חברים אין דייטשלאַנד, אַז דער איינבינדער אַלבין ראָמאַן זאָל משמעות שטיין אין דינסט פון דער פּאָליציי. און פונקט ווי אַלע אַנדערע פאַרדעקטע דערקלערונגען פון יענער צייט, איז אויך אָט־די דערקלערונג געווען אונטערגעשריבן דורך „די אייזערנע מאַסקע״. די־אָ וואָרענונג האָט אַריינגעשלאָגן ווי אַ באָמבע אין מיטן העלן טאָג. געווען זייער ווייניק חברים פון דער אינעווייניקסטער באַוועגונג, וועלכע האָבן איר געשענקט צוטרוי. דער גרעסטער רוב פון די אַקטיווע חברים אין בערלין איז געווען פעסט איבערגעצייגט אין ראָמאַנס אומשולד און זיי האָבן געהאַלטן, אַז ער איז אַ קרבן פון עפּעס א טונקעלער מאַכינאַציע און אינטריגע. ראָמאַן האָט דעמאָלט געהאַט אין זיין רשות 16.000 מאַרק פון די פּאַרטיי־געלטער. קיינער וואָלט נישט געווען געוואַגט צו פאַרלאַנגען פון אים דאָס דאָזיקע געלט, אין פאַל, ווען דער דענונציירטער וואָלט באמת געשטאַנען אין דינסט פון דער פּאָליציי. דער רעזולטאַט פון אַזאַ פּרווו וואָלט געווען דער תיכּפדיקער אַרעסט און די אומפאַרמיידלעכע באַשולדיקונג אין „געהיימער אָרגאַניזאַציע״. אָבער דער מענטש, ווען ס׳איז דערלאַנגט געוואָרן אַזאַ שרעקלעכער קלאַפּ, האָט אַליין איבערגעגעבן זיינע אַלטע חברים דאָס גאַנצע געלט ביז צום לעצטן פעניק און אָן יעדער דיסקוסיע איבערגעגעבן אַלע אַנדערע מאַטעריאַלן, איינשליסלעך די רשימה פון די געהיימע אַדרעסן, וואָס די דעמאָלסטדיקע געהיימע אָרגאַניזאַציע אין בערלין האָט געהאַט אין איר רשות. די חברים פונעם אינעווייניקסטן קרייז האָבן באַנוצט די דאָזיקע אַדרעסן אַ יאָר צייט נאָכדעם, און די פּאָליציי האָט זיי נישט באַלעסטיקט, — דער בעסטער באַוויז, אַז ראָמאַן איז געווען אַן ערלעכער און אויפריכטיקער חבר, וועלכער איז געווען אַ קרבן פון אַ פּחדנותדיקער אַטאַקע, וואָס איז געקומען פון די אייגענע רייען.

אַ געוויסע צייט נאָכדעם האָט ראָמאַן אויפגעגעבן די קליינע איינבינדעריי, וואָס ער האָט געהאַט צוזאַמען מיט א שותף, און איז אַרויסגעפאָרן צוזאַמען מיט זיין מישפּחה קיין ענגלאַנד. ווען איך האָב גערעדט מיט אים אייניקע יאָר שפּעטער וועגן דער דאָזיקער שרעקלעכער טראַגעדיע פון זיין לעבן און אים געפרעגט, וואָס ער האָט געפילט, ווען ס׳איז געוואָרפן געוואָרן קעגן אים יענע מאוימדיקע באַשולדיקונג, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ געדיכטן רויכוואָלקן פון זיין פייקע, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט פון מויל, מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן, ווי דאָס איז געווען זיין טבע, און אַ זאָג־געטאָן:

— וואָס איך האָב געפילט? שטעל דיר פאָר: דו גייסט זיך רואיק מיט דיין וועג און פּלוצים הייבט זיך אָן טרייסלען די ערד אונטער דיינע פיס און סטראַשעט דיך צו פאַרשלינגען. עפּעס ענלעכס האָט פּאַסירט מיט מיר.

אין לאָנדאָן איז ראָמאַן ביסלעכווייז אַריבערגעגאַנגען צום אַנאַרכיזם און גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער באַוועגונג. די אַטאַקע, וואָס ס׳האָט קעגן אים געשליידערט דער, וואָס האָט אונטערגעשריבן „אייזערנע מאַסקע“, האָט נישט געלאָזט באַרואיקן די חברים פון דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע. זיי זיינען געווען אַזוי פעסט איבערצייגט אין ראָמאַנס אומשולד, אַז די פירער פון דער פּאַרטיי האָבן מער נישט געוואַגט צו רעדן וועגן דעם דאָזיקן עיניִן. דער אמת איז, אַז ראָמאַן האָט געקאָנט פריי אַריין און אַרויסגיין אינעם לאָנדאָנער סאָציאַלדעמאָקראַטישן קלוב, אין טאָטענהעם־סטריט, אָן יעדן שטער, און קיינער האָט נישט געוואַגט אים צו זאָגן אַפילו אַ וואָרט, ווען אפילו יוליוס מאָטעלער, דער „רויטער קאַרעספּאָנדענט“ פונעם „סאָציאַלדעמאָקראַט“, און עדואַרד בערנשטיין, דער רעדאַקטאָר פונעם בלאַט, זיינען דאָרט געווען באַשטענדיקע געסט.

ביים קאָנגרעס אין האַללע (1890), דער ערשטער, וועלכער האָט געקאָנט דורכגעפירט ווערן אויף דייטשער טעריטאָריע נאָכן בטל־מאַכן דאָס אַנטיסאָציאַליסטן־געזעץ, האָט גוסטאַוו קעסלער פאַרלאַנגט אין נאָמען פון אַ גרויסער צאָל בערלינער חברים, אַז ס׳זאָל באַשטימט ווערן אַן אויספאָרש־קאָמיסיע, וועלכע זאָל באַטראַכטן די עיניִנים פון אַלע פּערזאָנען, וועלכע זיינען באַשולדיקט געוואָרן ווי מוסרים דורך דעם, וואָס האָט זיך אונטערגעשריבן „אייזערנע מאַסקע“ און וועלכע האָבן בשעת דער גילטיקייט פונעם אויסנאַמגעזעץ נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך עפנטלעך צו פאַרטיידיקן. פּאול זינגער, דער פּרעזידענט פון דער פּאַרטיי, האָט דערקלערט, אַז די פּרעזידענץ פון דער פּאַרטיי איז נישט אימשטאַנד צו באַטראַכטן עיניִנים, פאַר וועלכע עס פעלן אַלע באַווייזן. חוץ דעם האָט מען, לויט אים, נישט געדאַרפט באַרירן קיין פּראָבלעמען, וועלכע האָבן בלויז געקאָנט אויספאַלן לטובת דער פּאָליציי. אַזוי אַרום איז, פאַרשטייט זיך, קעסלערס פאָרלייג ליקווידירט געוואָרן.

ריכאַרד פישער, אויגן ערנסט און אַנדערע האָבן נאָכדעם געפּרווט פאַרלייגן דעם עיניִן אויף אַזאַ אופן, אַז ס׳זאָל אַרויסדרינגען, אַז ראָמאַן איז געווען אַ קרבן פון אַ באַדויערלעכן מיספאַרשטייעניש און אַז דער אמתער שולדיקער איז געווען זיין אַמאָליקער קאָמערציעלער שותף. אָט־די מאַנגלהאַפטע באַשולדיקונג האָט נישט געהאַט קיין האַפט שוין צוליב דעם עצם פאַקט, וואָס, ווי דאָס האָט מיר דערנאָך דערציילט ראָמאַן גופא, זיין געוועזענער שותף האָט קיינמאָל נישט באַלאַנגט צו דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע און ער איז געווען פולשטענדיק אומעמפּינדלעך און גלייכגילטיק צו די פּאָליטישע עיניִנים. דאָס זעלביקע האָבן מיר באַשטעטיקט ווילהעלם ווערנער און מאַקס באַגינסקי. ראָמאַן איז דעמאָלט זיכער נישט געווען דער איינציקער באַשולדיקטער אין פאַרראַט אָן יעדן מאָטיוו. ווי בייזווייליק מ׳האָט דעמאָלט אויסגעטראַכט אַזעלכע פאַלשע בילבולים אויף פּאָליטישע קעגנער האָט באַוויזן דער פאַל מיט אַוגוסט ריינסדאָרף, וועלכער איז דורכן „סאָציאַלדעמאָקראַט“ אויך אַרויסגעשטעלט געוואָרן ווי אַ פּאָליציייִשער קאָנפידענט, ווען אפילו ער האָט דערנאָך געמוזט פאַרענדיקן זיין לעבן אונטערן תליונס האַק.

די מיינונג, אַז אונטערן פסעוודאָנים „אייזערנע מאַסקע“ האָט זיך אויסבאַהאַלטן

אַ הויכער פונקציאָנאַר פון דער דייטשער פּאָליציי, וועלכער איז געקומען צו הילף דער מחוצן גענצע אָוועקגעשטעלטער פּאַרטיי און ער האָט איר געלאָזט וויסן, ווער ס׳זיינען די פאררעטער אין די אייגענע רייען, איז געווען נישט מער ווי אַ לעגענדע, וועלכע איז שטילערהייט אָנגענומען געוואָרן ווי אן אמתדיקע מיצד יענע, וועלכע האָבן זיך צופרידנגעשטעלט מיט אַלץ. דער אמת איז, אַז די אמתע קאָנפידענטן זיינען אויסגעפונען געוואָרן דורך די חברים גופא פון דער אונטערערדישער באַוועגונג. מאַקס טראַוטנער, דער פּערזענלעכער פריינט פונעם דעפּוטאַט גריללענבערגער, דער קאַפּיטאַן פון ערענבערג, וועלכער איז אַ געוויסע צייט געווען איין בעבעלס פּאַרטרויונגסקרייז, און אייניקע אַנדערע, האָבן אין משך פון אַ סך יאָרן געקאָנט אָנגיין מיט זייער טרויעריקער אקטיוויטעט, ביז זיי זיינען ענדלעך אויפגעדעקט געוואָרן. אויב דער, וועלכער האָט זיך אונטערגעשריבן „אייזערנע מאַסקע״, וואָלט אינדעראמתן געהאַט געווען אַ הויכער פונקציאָנער פון דער פּאָליטישער פּאָליציי, וואָלט ער פון אָנהייב אָן געווען אָנגעוויזן אויף די מאַכינאַציעס און אינטריגעס פון די דאָזיקע פּחדימדיקע סוביעקטן און ער וואָלט נישט געווען געוואַרט, ביז די חברים אַליין וועלן פון זיי אָראָפּרייסן די מאַסקע.

די מיסטעריע פון דער „אייזערנער מאַסקע״ איז קיינמאָל נישט אויפגעקלערט געוואָרן, מחמת מ׳האָט זי נישט געוואָלט אויפקלערן, ווען אַפילו דער הער ריכאַרד פישער און אייניקע אַנדערע זיינען זיכער געווען אימשטאַנד צו געבן די געהעריקע אויפקלערונג. אינדעראמתן האָט „אייזערנע מאַסקע״ בלויז געדינט פאַרן צוועק צו רופן די אויפמערקזאַמקייט פונעם פּובליקום און צוליב פּאַרטיי־אינטערעס אומשעדלעך מאַכן אייניקע אין דער באַוועגונג אומבאַקוועמע פערזאָנען און איינצייטיק טאַקע אויפדעקן דעם פּרצוף פון אייניקע אויטענטישע קאָנפידענטן. אַלבין ראָמאַן איז געפאַלן אַ קרבן פון אָט־דעם שענדלעכן שפּיל, אָבער אין זיין פאַל זיינען די זאַכן געווען אַזוי קלאָר, אַז ס׳איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל צעטרייסלט געוואָרן דער צוטרוי אין דער „אייזערנער מאַסקע״, ווייל דער ווירקלעכער מאָטיוו פון זיין ליקווידאַציע איז געווען צו אָנזעעוודיק, צו בולט און קלאָר. דאָס איז אויך געווען די סיבה דערפון, וואָס זיינע אַלטע פריינט האָבן אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזט אין דער שעה פון זיין גרעסטער פּיין און אַנגסט.

בעת מיין קורצן אויפהאַלט אין לאָנדאָן, האָב איך אויך אייניקע מאָל באַזוכט דעם קלוב „אַוטאָנאָמי״ אויף 6 ווינדמיל־סטריט, וועגן וועלכן איך האָב אַזוי פיל געהערט רעדן און וועלכער איז אַזוי אָפט באַשריבן געוואָרן אין דער דייטשער פּאָליציייאישער פּרעסע ווי דער צענטער פון אַלע אַנאַרכיסטישע פאַרשווערונגען. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין די־אָ אַלע באַשרייבונגען, פּונקט אַזוי ווי אין דער שריפט „דער אַנאַרכיזמוס אונד זיינע טרעגער״, וועלכע ס׳האָט אונטערגעטראָגן אויף אַן אומגעלומפּערטן אופן דער פּאָליציייאישער זשורנאַליסט מאַרטין, איז נישט געווען קיין איין וואָרט אמת. דער קלוב „אַוטאָנאָמי״ איז געשאַפן געוואָרן פאַרן געזעלשאַפטלעך־חברישן פאַרקער און צונויפטרעף, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע ענלעכע קלובן אין דער

ענגלישער הויפּטשטאָט. אַזוי ווי אין דער פּוריטאַנישער ענגלאַנד ווערן אַלע לאָקאַלן געשלאָסן 11 אַזייגער ביינאַכט און אין די יום־טוב־טעג און זונטיקן פלעגן זיי זיין אָפן בלויז עטלעכע שעה, זיינען די קלובן געווען די איינציקע טרעפפּונקטן, וווּ די פּריינט און באַקאַנטע האָבן זיך צו יעדן מאָמענט געקאָנט באַגעגענען.

די גרופּע „אַוטאָנאָמי", וועלכע האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן אַרויסגעבן דעם זשור־נאַל מיטן זעלבן נאָמען און אַנדערע דרוק־זאַכן, איז געווען אַ בערך קליינע קערפּער־שאַפט, אויף וועלכער דער קלוב האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן איינפלוס. אפילו די זיצונגען אירע פלעגן נישט פאָרקומען אינעם לאָקאַל פונעם קלוב, נייערט זיי פלעגן פאָרקומען אַמאָל ביי איינעם און אַמאָל ביי אַן אַנדערן פון די צוטרוילעכע חברים. דער קלוב פלעגט דינען דער גרופּע פּשוט ווי אַן עפנטלעכער לאָקאַל פאַר צונויפטרעפן און פאַר עפנטלעכע אַקטן און אונטערנעמונגען. ביכדי צו שאַפן דאָס נייטיקע געלט פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע.

דער קלוב „אַוטאָנאָמי" איז באַשטאַנען פון בלויז צוויי קליינע צימערן, און ער האָט געמאַכט אַ גאַנץ באַשיידענעם איינדרוק. דער גרעסערער זאַל פלעגט געוויינלעך באַנוצט ווערן בלויז שבת און זונטיק. אין די טעג פון דער גאַנצער וואָך פלעגן אַלע צונויפטרעפן פאָרקומען אינעם לאָקאַל פונעם בופעט, וועלכער איז געווען גוט אָפּגע־היט און ריין, אַזוי אַז אַ סך יונגע חברים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין יענעם געגנט, פלעגן דאָרטן אויך עסן זייערע מאָלצייטן. אין די אָוונטן פלעגט מען דאָרט טרעפן אַ שטאַרק פאַרשידנדיקן עולם פון די פאַרשידענע לענדער. דער רוב איז געווען עסטרייכער און דייטשן, אויך אַ סך טשעכן, אָבער געווען אויך פראַנצויזן, איטאַ־ליענער, שפּאַניער און סקאַנדינאַווער. מ'האָט אינעם קלוב „אַוטאָנאָמי" געקאָנט הערן רעדן די פאַרשידנדיקסטע שפּראַכן און אָט־דער קאָסמאָפּאָליטישער כאַראַק־טער איז מיסתמא געווען דער שטאַרקסטער קענצייכן פון אָט־דעם קלוב, וואָס האָט אים דערמיט געמאַכט אַנדערשדיק פון אַנדערע ענלעכע צונויפטרעפפּונקטן. אַ מענטש, וואָס וואָלט דאָרט אַריינגעקומען על־פּי צופאַל, וואָלט זיכער נישט איינגע־פאַלן חושד צו זיין, אַז ער געפינט זיך אינעם קרייז פון אַ „געפערלעכן פאַרבאַנד פון פּאָליטישע פאַרברעכער", ווי דער קלוב „אַוטאָנאָמי" איז אָפט סענסאַציאָנאַליסטיש פאַרגעשטעלט געוואָרן דורך אַ געוויסן מין צייטונגען.

בין איך שוין געווען צופרידן, ווען איך האָב זיך אומגעקערט קיין פּאַריז. נאָכן ערשטן איינדרוק, וואָס איך האָב באַקומען פון לאָנדאָן, האָט זיך מיר איצט פּאַריז אויסגעוויזן פיל אָנציענדיקער. לאָנדאָן דאַרף ערשט מיט דער צייט אויסגעפינען ווערן, בעת אָבער פּאַריז איז אַן אָפענע קאָרט און ווייזט זיך באַלד אַזוי ווי זי איז און זי גיט זיך אייך באַלד איבער. ווען איך בין אַראָפּ פון דער באַן אויפן סענט לאַזאַר־וואָקזאַל און כ'האָב זיך פונדאָסניי געפילט איינגעררייט אין אָט־דעם ראַשיק־קאָכיקן לעבן, אַ באַפאַרבטס מיטן כסדרדיקן בייט פון בילדער און איינדרוקן, האָב איך זיך באַנייס געפילט גוט און אויפגעלייגט, ווייל איך בין געווען אַ טייל פון דער דאָזיקער אומפאַרגלייכלעכער שטאָט, וועמעס פּולס ס'האָט געשלאָגן אין מיינע אָדערן.

# די דייטשע באַוועגונג אין לאָנדאָן

ס׳איז געווען א טריבער, אַ פאַרוואָלקנטער טאָג, ווען איך בין אין אַ פרימאָרגן אָנגעקומען קיין לאָנדאָן; איינער פון יענע טעג, וועלכע מ׳קאָן אָנטרעפן נאָר אין יענער ריזיק־גרויסער שטאָט ביי דער טעמזע, אַ טאָג, וועלכער האָט ביי מיר אַרויס־געבראַכט שטאַרק בולט דעם חילוק צווישן פּאַריז און לאָנדאָן. אין אַזעלכע טעג, ווען אַ פייכטיקער, קלעפּיקער נעפל באַטויבט אַלע חושים און דאָס אויג באַקומט בלויז אַ שאָטנהאַפטיקן, אַן אומקלאָרן איינדרוק פונעם גאַנצן, אפילו דעם נאָענטן אַרום, פילט מען זיך, ווי מ׳וואָלט פאַרוואָרפן געוואָרן אין אַ וועלט פון געשפּענסטער. אפילו דער טויבער גערויש פונעם געוואַלטיקן טראַנספּאָרט־פאַרקער אויף די גאַסן הילכט־אָפּ ווי פאַרטעמפּט, ווי איינגעוויקלט אין וואַטע. די מענטשן שאַרן זיך דורך ווי שאָטנס אינעם בין־השמשות. אַלעס ווערט פאַרזונקען אין אַ טונקל־געלבלעכער גרויקייט, וועלכע כאַפּט־אַרום אַלע חושים און לייגט זיך אָן ווי א שווערער בליי אויף דער נשמה. ווער עס קומט־אָן קיין לאָנדאָן אין אַזאַ טאָג, ווען קינג פאָג הילט־איין די שטאָט אין זיין געוואַנט, יענער וועט שוין דעם דאָזיקן איינדרוק קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

איך האָב מיינע פריינט נישט געלאָזט וויסן וועגן טאָג פון מיין אָנקומען. אַזוי, אַז קיינער האָט מיך נישט אָפּגעוואַרט אויף דער באַנסטאַנציע. אַזוי ווי איך האָב מיט זיך מיטגעפירט אַ סך באַגאַזש, האָב איך גענומען א האַנסאָם, איינס פון יענע פלינקע צוויי־רעדערדיקע וועגעלעך, וועלכע מ׳האָט דעמאָלט געקאָנט אָנטרעפן נאָר אין ענגלאַנד, וועלכעס האָט מיך אין אַ האַלבער שעה אַרום געבראַכט צום ווערדור־סטריט, וווּ מיין פריינט גונדערזען האָט געהאַט זיין דירה. ער האָט מיך באַגריסט מיט אַ פריידיקער איבעררא‏שונג, און נאָכדעם ווי מיר האָבןביידע במשך פון אַ היפשער צייט אַביסל געפּלוידערט, האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צו ווילהעלם ווערנער, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט נישט ווייט פון דאָרט, אין קליוולאַנד־סטריט. מיר האָבן געטראָפן די גאַנצע מישפחה אין דער היים, און אַזוי ווי קיינער האָט זיך אויף מיר נישט גערעכנט, איז די שימחה פונעם ווידערזען זיך דערפאַר געווען נאָך פיל גרעסער. האָבן מיר דאָך געהאַט אַזויפיל זיך צו דערציילן פון זינט מיר האָבן זיך געזען דאָס לעצטע מאָל אין בערלין!

ווערנער האָט ערשט מיט איניקע חדשים צוריק געלאָזט אַריבערברענגען צו זיך זיין פאַמיליע קיין לאָנדאָן, און ער אַליין האָט זיך נאָך נישט געהאַט איינגעלעבט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין אין די נייע פאַרהעלטענישן. און הגם ער איז געווען איינער פון די בעסטע אַרבעטער אין זיין פאַך און פון זינט ער האָט זיך אויסגעלערנט דאָס

פאַך, האָט ער באַלאַנגט צום פאַרבאַנד פון דייטשע דרוקער־אַרבעטער, האָט ער נאָך ביז דעמאָלט נישט געהאַט באַוויזן צו באַקומען אַרבעט אין לאָנדאָן, מחמת די קאָנסערוואַטיווע תקנות פונעם ענגלישן פאַריין פון דרוקער־אַרבעטער, האָט דעמאָלט געמאַכט כימעט אוממעגלעך פאַר אַן אויסלענדער אויפגענומען צו ווערן אינעם פראָפעסיאָנעלן פאַריין. אַזוי אַרום האָט ווערנער שפּעטער געמוזט אַוועק אַרבעטן אין דער פּראָווינץ, ביז מ'האָט אים לסוף באַוויליקט צו באַלאַנגען צום ענגלישן דרוקער־פאַרבאַנד. דערמיט זיינען בייגעקומען געוואָרן אַלע שוועריקייטן און ס'איז אים גאָר אינגיכן געלונגען צו באַקומען אַ זייער גוטע שטעלע אין לאָנדאָן. צום גליק האָט ער געהאַט אַביסל געלט, ווייל זיין פרוי האָט מיט דער הילף פון גוטע פריינט באַוויזן צו פאַרקויפן זיין קליינע דרוקעריי אין בערלין, אַזוי אַז ער האָט זיך אויף אַ געוויסן אופן געקאָנט אַן עצה געבן, ביז ס'איז אים סוף־כל־סוף געלונגען צו באַקומען אַ שטעלע אין נאָטינגהאַם.

נאָכן מיטאָג־מאָלצייט האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט זוכן אַ קליין צימערל פאַר מיר. מיר האָבן טאַקע באַלד געפונען אַ פּאַסיקן פּלאַץ אין קערבורדן־סטריט, נישט ווייט פון ווערנערן. דעם זעלביקן אָוונט האָבן מיר נאָך באַזוכט גרעפטאָן האָל, דעם גערהימיקן און גוט־איינגעאָרדנטן קלוב פון דער דייטשער באַוועגונג אין לאָנדאָן, ווו איך האָב זיך באַלד ביים ערשטן באַזוך באַנייס געזען מיט אייניקע אַלטע באַקאַנטע און איינגעשטעלט באַציונגען מיט אַ סך נייע חברים.

די דייטשע באַוועגונג אין דער ענגלישער הויפּטשטאָט איז דעמאָלט געווען אין צושטאַנד פון איר העכסטן פונאַנדערבלי. צוליב די שווערע רדיפות, וועלכע האָבן אין יענער צייט אָנגעהאַלטן אויפן איראָפּעישן קאָנטינענט, זיינען אַ סך חברים פון דער שווייץ, פון פראַנקרייך, בעלגיע און אַנדערע לענדער פאַרוואָרפן געוואָרן קיין לאָנדאָן, וואָס צוליב דעם האָט די באַוועגונג באַקומען אַ שטאַרקן אויפלעב. דער קלוב אין גרעפטאָן האָל האָט דעמאָלט געהאַט איבער פינפהונדערט צאָלנדיקע מיט־גלידער און ער פלעגט, חוץ דעם, באַזוכט ווערן פון חברים פון אַלע לענדער. די אַלטע אַרויסגעבער פון „אַוטאָנאָמי״ האָבן אַ געוויסע צייט נאָכן אָפּשטעלן אָט־דאָס בלאַט אויפגעגעבן זייער קלוב אין ווינדמיל־סטריט און זיי זיינען געווען אָן אַ היים אַזוי צו זאָגן, מחמת ביכדי אָנצוהאַלטן די געזעלשאַפטלעכע באַציונגען איז מען דעמאָלט, פונקט ווי היינט, געווען לגמרי אָנגעוויזן אויף די קלובן.

אין דער זעלביקער צייט האָבן די מיטגלידער פון דער ערשטער סעקציע פונעם „קאָמוניסטישן אַרבייטער־בילדונגס־פעראיין״, וועלכע זיינען על־פּי־רוב באַשטאַנען פון יאָהאָן מאָסטס אַלטע אָנהענגער, סאָציאַלרעוואָלוציאָנערן און אייניקע אָנהענגער פון די „יונגע״ אין דייטשלאַנד, שוין פון זינט לאַנג אַרומגעזוכט אַ נייעם קלוב, ביז זיי האָבן לסוף באַוויזן צו באַקומען אַן אויסגעצייכנטן פּלאַץ אויף גרעפטאָן־סטריט אין אויסערגעוויינלעך־גוטע באַדינגונגען און אים איינצואָרדענען פאַרן צוועק, פאַר וועלכן זיי האָבן אים באַדאַרפט האָבן. די לאַנגע מחלוקה, וועלכע האָט די לאָנדאָנער דייטשע באַוועגונג במשך פון אַזוי פיל יאָרן געהאַט געשפּאָלטן און וועלכע האָט אַרויסגערופן אַזוי פיל פאַרביטערונג, באַזונדערס צוליב דזשאָן נעוועס טראַגישן גורל און צוליב די באַשולדיקונגען קעגן יאָזעף פּויקערט, האָט זיך ביסלעכווייז איינ־

געשטילט, נאָכדעם ווי די וויכטיקסטע פון די פּערזאָנען פון יענער צייט, וועלכע האָבן געהאַט אַ שייכות צו דעם, ווי וויקטאָר דאַווע, אָטטאָ רינקע און פויקערט גופא, האָבן שוין לאַנג געהאַט פאַרלאָזט לאָנדאָן. אַזוי אַרום האָט טאַקע פּאַסירט, אַז ס׳איז צווישן די צוויי פײַנטלעכע שיטות ביסלעכווייז געקומען צו אַ דערנענטערונג און דער רעשט פון די אַלטע „אויטאָנאָמיסטן״ איז אַרײַנגעטראָטן אינעם קלוב פון גרעפטאָן־סטריט.

דער „קאָמוניסטישער אַרבייטער־בילדונגס־פאַראיין״ איז געווען דער עלטסטער פון אַלע אָרגאַניזאַציעס פון דייטשע סאָציאַליסטן אין אויסלאַנד. דער פאַראיין איז געשאַפן געוואָרן אין דער צייט פון די פּערציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונ־דערט דורך דייטשע פּליטים, מיטגלידער פון דער געהיימער געזעלשאַפט פונעם „קאָמוניסטישן בונד״, און ער איז פון זינט דעמאָלט אָן געווען דער צענטער פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די דייטשן אין ענגלאַנד, ביז די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געמאַכט אַ געוואַלטזאַמען סוף צו אָט־דער טעטיקייט. צו די מיטגלידער פון אָט־דעם פאַראיין האָט פון זינט זיין אָנטשטייונג באַלאַנגט אַ גאַנצע שורה פון די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן פון דייטשלאַנדס סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג, אַזעלכע ווי י. מאָל, ס. באַוער, ק. פּפענדער, וו. וויטלינג, א. ווילליך, וו. שאַפּפּער, פ. לעסנער, קאַרל מאַרקס, פרידריך ענגעלס, וו. ליבקנעכט און אייניקע אַנדערע, און ער האָט דורכגעמאַכט אייניקע אינערלעכע ענדערונגען. ווען ס׳איז אין יאָר 1850 געקומען צו אַ שפּאַלטונג אינעם „בונד דער קאָמוניסטען״, האָט זיך די גרויסע מערהייט פונעם „ק.אַ.ב.פ.״ אָנגעשלאָסן צו דער ווילליך־שאַפּפּער־פראַקציע, און אויסגעשלאָסן פונעם פאַראיין מאַרקסן, ענגעלסן און ליבקנעכטן. אין די שפּעטער־דיקע יאָרן האָט זיך דער פאַראיין אַרויסגעשטעלט פאַר דער יונגער סאָציאַלדעמאָ־קראַטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד, ביז יאָהאַן מאָסט איז, נאָכן אַרויסלאָזן אין דייטשלאַנד די אַנטיסאָציאַליסטן־געזעצן, געקומען קיין לאָנדאָן און אויפן פאַרלייג פונעם פאַראיין דאָרט אָנגעהויבן אַרויסגעבן די „פרייהייט״. די „פרייהייט״ איז לכת־חילה געווען אַ סאָציאַלדעמאָקראַטיש בלאַט און זיך טאַקע געהאַלטן פאַר אַזעלכן. אָבער ביסלעכווייז איז זי מיטגעריסן געוואָרן מיטן רעוואָלוציאָנערן שטראָם, און אין דעם האָט געהאַט אַ נישט קליינעם חלק די פאַרדריסלעכע און אויפברויזנדיקע אומטאָלעראַנץ פון די אַלטע פּאַרטיי־פירער אין דייטשלאַנד. ווען יאָהאַן מאָסט איז אויפן געהיימען קאָנגרעס פון דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, אינעם שלאָס ווידען, אין דער שווייץ, אין יאָר 1850, אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי, איז אויך פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין לאָנדאָנער „ק.אַ.ב.פ.״ די גרויסע מערהייט האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר מאָסטן און איז געבליבן מיטן פאַרמעג פונעם פאַראיין, ווע־מענס ווערטפולסטע טייל איז געווען די אַלטע ביבליאָטעק זיינע. די מיטגלידער, וועלכע זיינען אַוועק, האָבן געשאַפן אַ נייע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך אָנגערופן מיטן זעלביקן נאָמען, אָבער אין אונטערשייד פונעם אַלטן פאַראיין, איז זי באַצייכנט געוואָרן ווי די צווייטע סעקציע, בעת די אָנהענגער פון דער מערהייט האָבן זיך צו־געגעבן דעם אונטערטיטל ערשטע סעקציע.

דידאָזיקע ערשטע סעקציע האָט ביסלעכווייז דורכגעמאַכט אַלע ענדערונגען, וועלכע מאָסט גופא האָט דורכגעמאַכט אויף זיין וועג צום אַנאַרכיזם, און איז גע־בליבן געטריי צו אירע פרייהייטלעכע אָנשויונגען, ביז דער גרעסטער טייל פון אירע מיטגלידער איז, ביים אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מילחמה, אַרעסטירט געוואָרן, און אַזוי אַרום איז מיט געוואלט געמאַכט געוואָרן אַ סוף צו איר טעטיקייט. אין יאָר 1886 אין אַ קלענער טייל פון די מיטגלידער אַרויסגעטראָטן פונעם אַלטן פאַריין צוליב אינערלעכע מחלוקותן און געגרינדעט די גרופּע „אַוטאָנאָמי״, וועלכע האָט זיך פאַרנומען אויף אירע אייגענע דרכים, אונטער פּויקערטס גייסטיקער פירער־שאַפט. אָבער אין אָנפאַנג פון די 90ער יאָרן זיינען שוין די סיבות, וועלכע האָבן דערפירט צו יענער שפּאַלטונג, געווען אַזוי פאַרבלאַסט, אַז מ'האָט נאָך קוים גע־קאָנט רעדן וועגן אַ חילוק צווישן די ביידע ריכטונגען. אין דער צווישנצייט איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן אַ היפּשע צאָל נייע חברים, וועלכע האָבן לגמרי נישט גע־האָט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דער אַלטער מחלוקת, און ווען די „אַוטאָנאָמי״ האָט אין אַפּריל 1893 אויפגעהערט אַרויסצוגיין, איז די אינערלעכע פונאנדערטיילונג אינגאַנצן געבליבן אָן יעדן מאָטיוו.

די באַוועגונג פון די יונגע אין דייטשלאַנד האָט אויך אינעם „ק.אַ.ב.פ.״ באַ־קומען אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג, און געהאַט אירע שטאַרקע פּאַרטיידיקער, באַזונדערס אין פערדינאַנד גיללעס און אינעם שוסטער בעטגע, אַ פריערדיקן אַקטיוון אָנהענ־גער פון דער אָפּאָזיציע אין מאַגדענבורג, און ווען די באַוועגונג פון די אומאָפּהענ־גיקע סאָציאַליסטן אין דייטשלאַנד האָט זיך, אונטער גוסטאַוו לאַנדאַוערס איינפלוס, אָנגעהויבן לחלוטין אָריענטירן אויף דער אַנאַרכיסטישער אידעאָלאָגיע, און קאַרל ווילדבערגער, וויקטאָר בור און אַנדערע האָבן זיך אומזיסט באַמיט אָפּצושטעלן אַ דאַמבע קעגן דערדאָזיקער אַנטוויקלונג, האָבן זיך אָט־די חילוקי־דעות אָנגע־הויבן שטאַרק מערקן אויך אינעם „ק.אַ. ב. פ.״ די אַלטע מאָסטיאַנער האָבן זיך ווי אַ געשלאָסענע גרופּע געשטעלט אויף לאַנדאַוערס צד, בעת בעטגע און זיינע פריינט האָבן זיך שטאַרק אַרויסגעשטעלט פאַר ווילדבערגערן. עס פלעגט דעמאָלסט אָפט קומען צו שטאַרקע סצענעס ביי די זיצונגען פונעם פאַריין, ביפרט ווען בעטגע און די קליינע צאָל פון זיינע אָנהענגער האָבן מיט אַלע מיטלען געפּרוווט נישט צו דערלאָזן אויפצונעמען די „אַוטאָנאָמיסטן״ אינעם פאַריין, און ווילהעלם ווערנער האָט זיך מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט אַרויסגעשטעלט פאַר זיי. דער סוף איז געווען, אַז דאָס הייפּעלע „אומאָפּהענגיקע״ האָט זיך אָפּגעקערט פונעם פאַריין און איז אין עטלעכע חדשים אַרום אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון דער אויבערפלאַך. דאָס איז געווען דער צושטאַנד, מיט וועלכן איך האָב זיך אָנגעטראָפן, ווען איך בין אָנגעקומען קיין לאָנדאָן.

דער „ק.אַ.ב.פ.״ האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַ צושטאַנד פון אַ נייעם אויפ־בלי אין זיין אַנטוויקלונג און ער איז געווען שטאַרק ניצלעך פאַר דער יונגער און שטאַרק־גערודפטער באַוועגונג אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, דורך דער באַ־דייטנדיקער און אומאויפהערלעכער אונטערשטיצונג, מיט וועלכער זיינע מיטגלידער

זיינען אויסן געווען צו פאַרלייכטערן דעם שווערן געראַנגל פון די חברים אין דער היים. די רדיפות אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט, באַזונדערס אין דייטשלאַנד גופא, האָבן געבראַכט אַ גרויסע צאָל חברים קיין לאָנדאָן, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט געפינען קיין פּלאַץ אינערגעץ נישט. דער פאַריין האָט דעמאָלסט געהאַט לפּחות אַ האַלב־טוץ גוטע רעדנער, אַזעלכע ווי ווילהעלם ווערנער, פערדינאנד גיללעס, פריץ קריגער, רודאָלף לאַנגע, קאַרל בייללער און אייניקע אַנדערע. אַזוי, אַז די וועכנט־לעכע דיסקוסיע־אָוונטן זיינען געשטאַנען אויף אַזאַ גייסטיקער הויך, אַז זיי האָבן געווירקט שטאַרק צוציענדיק אויף די באַזוכער. און אַזוי ווי צו די דאָזיקע אָוונטן זיינען אויך צוגעלאָזן געוואָרן נישט־מיטגלידער, פלעגן אויך אָפט קומען סאָציאַ־ליסטן פון אַנדערע ריכטונגען און דאָס האָט נאַטירלעך געמאַכט אָט־די דאָזיקע צו־זאַמענטרעפן פיל לעבעדיקער און אָנרעגנדיקער.

דאָס נייע הויז פונעם קלוב איז בלי שום ספק געווען דער שענסטער פּלאַץ, וואָס אויסלענדישע רעוואָלוציאָנערן האָבן ווען־ס'איז געהאַט אין לאָנדאָן. דער אונטער־שטער שטאָק איז באַשטאַנען פון אַ געררומיקן זאַל, אין וועלכן ס'האָט זיך אויסגע־וויקלט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פונעם פאַריין. די ייִנגערע חברים, וועלכע האָבן געוווינט אין שכינות, פלעגן זיך דאָרט צונויפטרעפן כימעט יעדן אָוונט, מחמת דער רוב פון זיי פלעגט דאָרט עסן זייערע מאָלצייטן. אין די שבת־צונאַכטסן, די זונ־טיקן און יום־טוב־טעג פלעגט דער זאַל בדרך כלל זיין פול מיט מענטשן, מחמת אין דידאָזיקע טעג האָבן געהאַט געלעגנהייטן צו קומען אין קלוב אַריין אויך יענע חברים, וועלכע האָבן געוווינט אין אַנדערע טיילן פון דער ריזיקער שטאָט. אין הינטערגרונט האָט זיך געפונען דאָס ליכטיקע און באַקוועם־איינגעאָרדנטע לייען־צימער פונעם פאַריין, ווו ס'איז געווען אָוועקגעשטעלט די אַלטע ביבליאָטעק. דער ערשטער שטאָק איז באַשטאַנען פון אַ פּרעכטיקן זאַל, וועלכער האָט לייכט געקאָנט אַריינעמען פינפהונדערט מענטשן. אָט־דער לאָקאַל פלעגט גענוצט ווערן אָפּצוהאַלטן גרעסערע פאַרזאַמלונגען און פאַר געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען פונעם קלוב און ער פלעגט אויך אָפט געדונגען ווערן דורך פראַנצויזישע, איטאַליענישע און חברים פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, דורכצופירן אין אים זייערע יום־טובדיקע אונ־טערנעמונגען און פאַרזאַמלונגען. אויפן צווייטן גאָרן איז אויך געווען אַ זאַל, אַ קלענערער אַביסל, און אייניקע זייטיקע צימערן, ווו ס'פלעגן דערליידיקט ווערן אַלע פאַריינס־עיניינים און ס'פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן די וועכנטלעכע דיסקוסיע־אָוונטן.

ווען איך בין דעם ערשטן שבת־צונאַכטס נאָך מיין אָנקומען קיין לאָנדאָן געקומען מיט ווערנערן אין גרעפּטאָן האָל, האָב איך דאָרט געטראָפן אַ היפּשע צאָל אַלטע פריינט פון פאַריז, וועלכע האָבן פאַר מיר צוגעגרייט אַ האַרציקן ברוך־הבא. דער רוב פון זיי איז געווען אַמאָליקע מיטגלידער פונעם „פאַריין פון אומאָפּהענגיקע סאָציאַ־ליסטן" אין פאַריז, צווישן זיי זיינען געווען בערנאַרד קאַמפּמייער, לעאָפּאָלד צאַק, וו. נידערלע און יאָזעף טומאַר. די לעצטע דריי פון די אויסגערעכנטע זיינען נאָכן אַטענטאַט אין קאַזעריאָס אויסגעוויזן געוואָרן פון פראַנקרייך און זיינען געקומען קיין לאָנדאָן, ווו זיי האָבן באַקומען גוט־באַצאָלטע אַרבעט ווי שוסטער. כימעט קיין איי־

נער פון זיי איז נישט געווען צופרידן מיט די נייע פאַרהעלטענישן און ביי אַלעמען איז געווען שטאַרק מערקבאַר די בענקעניש צו פאַריז.

איך אַליין האָב געקאָנט שטאַרק מיטפילן מיט זיי, מחמת אויך מיר איז דאָך אין דער ערשטער צייט נישט געגאַנגען פיל בעסער ווי זיי. דער חילוק צווישן לאָנדאָן און פאַריז איז אין דער ווירקלעכקייט אַזוי גרויס, אַז בלויז ביסלעכווייז, בהדרגהדיק קאָן מען זיך צוגעוויינען צו דער נייער סביבה. איך האָב געוווסט פון אַ סך, וועלכע האָבן דאָס קיינמאָל נישט באַוויזן. און פונדעסטוועגן איז לאָנדאָן אַ זייער אינטערעסאַנטע שטאָט, ווען מ׳באַווייזט זיך צו באַקענען מיט איר נענטער. אָבער דאָס איז נישט גרינג. אין פאַריז אַנטשיידט געוויינלעך שוין דער ערשטער איינדרוק, ווי דאָס איז אויך ביי מיר געווען דער פאַל. אָבער לאָנדאָן מוז ביסלעכווייז, פאַמעלעך אויסגעפינען ווערן, און פאַר דעם גייען צומאָלס אַריבער יאָרן.

אַפילו די באַציונגען צווישן דער ענגלישער באַפעלקערונג און די פרעמדע זיינען אין לאָנדאָן גאַנץ אַנדערע ווי אין פאַריז. אין פראַנקרייך איז עס פאַרהעלטענישמעסיק לייכט פאַר פרעמדע זיך צו פאַרבינדן מיט פראַנצויזישע קרייזן, ווי נאָר מ׳איז אימשטאַנד אויף אַ געוויסן אופן זיך צו פאַרשטענדיקן. אין ענגלאַנד אָבער, ביפרט אין לאָנדאָן, קומט אַזאַ מין פאַרבינדונג אָן פיל שווערער און אַ סך פאַרבלייבן דאָרט פרעמדע אין משך פון זייער גאַנצן לעבן. פון אַלטע צייטן אָן האָבן דאָרטן די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן געוווינט אין באַשטימטע טיילן פון דער ריזיקער שטאָט, וווּ זיי האָבן זיך אויסגעלעבט צווישן זיך, גערעדט זייער אייגענע שפּראַך און זיך אָפּגעגעבן מיט זייערע ספּעציפישע באַשעפטיקונגען, אַזוי אַז זיי זיינען קוים געווען געצוווּנגען צו קומען אין הויפיקן באַריר מיט דער דאָרטיקער היימישער באַפעלקערונג. אַזוי אַרום דערקלערט זיך אויך דער אומשטאַנד, וואָס אַ סך אויסלענדער האָבן אָפט געוווינט לאַנגע יאָרן אין לאָנדאָן און אַפילו נישט אויסגעלערנט די ענגלישע שפּראַך, מחמת זיי האָבן זיך די גאַנצע צייט אויסגעלעבט און געווען אַקטיוו צווישן זייערע אייגענע לאַנדסלייט, און מיט ענגלענדער האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן נאָר אויף דער גאַס. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט פראַנצויזן, וועלכע זיינען נאָך דער מפלה פון דער פאַריזער קאָמונע אַנטלאָפן קיין לאָנדאָן און אין די דאָזיקע אַלע יאָרן האָבן זיי זיך קוים אויסגעלערנט עטלעכע טוץ ענגלישע ווערטער און אויך אָט־די ווערטער נישט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. זיי האָבן די גאַנצע צייט זיך אויפגעהאַלטן צווישן זייערע אייגענע לאַנדסלייט, געאַרבעט און געוווינט ביי פראַנצויזן און אַלעס געקויפט אין פראַנצויזישע קליטן. דאָס האָט זיך געענדערט ערשט נאָכן ערשטן וועלטקריג, ווען ס׳איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דאָס פאָליטישע אַזילרעכט און די איינוואַנדערונג איז צוליב דעם עקאָנאָמישן קריזיס געוואָרן אַזוי שווער, אַז זי איז כימעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן. דער יונגער דור אָבער, וועלכער איז שוין געבוירן געוואָרן אין ענגלאַנד, האָט לויטן געזעץ באַלאַנגט צו דער ענגלישער נאַציאָנאַליטעט, און ער האָט זיך דורך שפּראַך, דערציונג און געהעריקער צופּאַסונג צו די באַדינגונגען פונעם לאַנד אַזוי פולשטענדיק אַנגליזירט, אַז ס׳איז שוין כמעט נישט מעגלעך געווען אים צו אונטערשיידן פון דער ענגלישער באַפעלקערונג.

אין דער צייט פון מיין אָנקום קיין לאָנדאָן איז דאָס נאָך געווען אינגאַנצן אַנ־דערש. די גאַנצע טייל פון דער שטאָט, ווו איך האָב געוווינט, וועלכע האָט זיך אויסגעשפרייט היפש איבערן אָקספאָרד־סטריט ביז נאָך עוסטאָן ראָוד און פון טאָ־טענהעם קורט ראָוד ביז צו קליוולאַנד סטריט, איז כימעט אינגאַנצן געווען באַזעצט פון דייטשן, פראַנצויזן, עסטרייכער און שווייצער. אפילו אויף דער גאַס האָט מען דעמאָלט געהערט רעדן מער דייטש און פראַנצויזיש ווי ענגליש.

און ווען אַפילו דער איינדרוק, וועלכן איך האָב באַקומען פון און וועגן לאָנדאָן, קאָן נישט אויסהאַלטן קיין פאַרגלייך מיט פּאַריז, האָב איך זיך דאָך פונדעסטוועגן אויף אַ געוויסן אופן געפילט פאַרגיטיקט דורך דער לעבעדיקער טעטיקייט פון דער דעמאָלסטיקער דייטשער באַוועגונג. בלויז ביסלעכווייז איז עס אַריינגעדרונגען אין מיין באַוווסטזיין, אַז דער רוב עמיגראַנטישע באַוועגונגען קאָנען, אַפילו ביי די בעס־טע אומשטענדן, קיינמאָל נישט אַרויסגיין ווייטער איבער אַ געוויסן קרייז. און דער־ביי איז דאָס לעבן פון אַזעלכע באַוועגונגען תמיד אויסגעשטעלט צו אַלערליי מעג־לעכע צופאַלן, נעמט־צו און פאַלט־אָפּ, בהסכם דערמיט, צי זי ווערט דורך אויסער־לעכע אומשטענדן באַגינציקט אָדער געשטערט. אויך דאָס קלובלעבן האָט געהאַט געוויסע אומאַנגענעמע זייטן, וועלכע איך האָב ערשט פיל שפּעטער אויסגעפונען. ביכדי צו קאָנען דעקן די היפש הויכע אויסגאַבן פאַר אַזאַ פּלאַץ, ווי דאָס איז געווען דער גרעפּטאָן האָל, האָט מען נישט געטאָרט זיין צו אויסקלויבעריש מיטן אָננעמען מיטגלידער. בלויז אַ קליינער טייל פונעם קלובס וועכנטלעכע הוצאות האָט געקאָנט געדעקט ווערן מיטן מיטגלידער־אָפּצאָל. איז מען דעריבער געווען געצוווּנגען גאַנץ אָפט צו פאַרדינגען דעם גרויסן זאַל צו אַלערליי אָנשטאַלטן, אַ זאַך, וואָס איז נישט תמיד געווען זייער אָנגענעם. די גרעסטע הכנסות זיינען אָבער אַריינגעקומען פונעם „באַר״, ד״ה פונעם סערווירן ביר, ווייַן און אַנדערע געטראַנקען. פאַר דעם צוועק האָט דער קלוב אַוועקגעשטעלט אַן אַזוי־גערופענעם „סטיואַרד״, מיט וועמען ס׳איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַ קאָנטראַקט, לויט וועלכן ער איז מחוייב געווען איינצאָלן דעם קלוב אַ געוויסן פּראָצענט פון די הכנסות.

דער רוב פון די מענטשן, וועלכע פלעגן דעמאָלט זיין איינגייער אינעם גרעפּ־טאָן האָל, איז געווען אַזויגערופענע „סימפּאַטיזירער״, וועלכע האָבן בלי ספק אַרויס־געוויזן און געפילט אַ געוויסע ליבשאַפט צו ראַדיקאַלע אידעען, אָבער צו דער באַ־וועגונג גופא האָבן זיי נישט אַרויסגעוויזן קיין שום גרעסערן אינטערעס. זיי פלעגן גאַנץ אָפט אונטערשטיצן די באַוועגונג מיט גרעסערע אָדער קלענערע געלטסומעס, אָבער בדרך כלל נאָר דעמאָלט, ווען זיי פלעגן פון די אייגנטלעכע חברים אויפגע־פאָדערט ווערן דערצו. דער רוב פון זיי פלעגט בלויז זעלטן־ווען קומען צו די וועכנטלעכע דיסקוסיע־אָוונטן; בלויז ביי גאָר באַזונדערע געלעגנהייטן האָט מען געקאָנט רעכענען אויף א גרעסערן צופלוס פון זיי, ביפרט דעמאָלט, ווען ס׳פלעגן אַנטשטיין אינערלעכע מחלוקת, וועלכע זיינען אין לעבן פון אימיגראַנטן כימעט אומ־פאַרמיידלעך. ווען מ׳קוקט בכן, אַוועק פון דער סאַטיספאַקציע, וועלכע דער קלוב האָט פאַרשאַפט זיינע מיטגלידער און זייערע פריינט, האָט זיך פאַקטיש זיין וויכטיק־

סטע טעטיקייט קאָנצענטרירט אויפן צונויפזאַמלען די רעגלמעסיקע געלט־ביישטייערונגען, וועלכע פלעגן פּעריאָדיש אָפּגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד און עסטרייך, ביכדי צו פאַרלייכטערן די חברים אין דער היים זייער אַרבעט. אָבער אַפילו די דאָזיקע אַזוי שטאַרק נוצלעכע און נויטיקע אַרבעט פלעגט שטענדיק קומען פונעם אימפּולס פון די ווירקלעכע חברים, וועלכע זיינען געווען גייסטיק צונויפגעוואקסן מיט דער באַוועגונג.

דער שווערסטער עינין פאַר מיר איז נאַטירלעך געווען צו געפינען אַ פּאַסיקן אַרבעטספּלאַץ. פאַר אַן אויסלענדער איז דעמאָלט געווען כימעט אוממעגלעך צו געפינען אַ שטעלע אין מיין פאַך. דער ענגלישער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון איינבינדער איז אַפילו געווען איינער פון די בעסטע אין לאָנדאָן און ער האָט שוין אַפילו אין יענער צייט געהאַט אויסגעקעמפט פאַר זיך דעם אכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג. אָבער אַ פרעמדער האָט כימעט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אויפגענומען צו ווערן ווי אַ מיטגליד אין אים. ביכדי צו ווערן אַ מיטגליד, האָט מען פריער געמוזט האָבן געאַרבעט במשך פון דריי מאָנאַט אין אַ ווערקשטאַט, אין וועלכן ס׳זיינען געווען גילטיק די געווערקשאַפטלעכע אַרבעט־קאָנדיציעס. אָבער אינעם רוב ווערקשטאַטן האָט מען ווי א פרעמדער נישט געקאָנט באַקומען קיין אַרבעט, אויב מ׳האָט נישט באַלאַנגט צום פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. איז דעמאָלט געווען אין לאָנדאָן בלויז איין איינציקע מעגלעכקייט פאַר אַן אויסלענדער זיך צו קאָנען אָנשליסן אינעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. צווישן דער קליינער צאָל גרעסערע געשעפטן, וועלכע האָבן נישט אָנערקענט דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, האָט זיך אויך געפונען די פירמע צענסדאָרף. זי האָט אַפילו נאָכגעגעבן די אַרבעטער אירע דעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג, אָבער אָנפאַנגער האָט זי בלויז געצאָלט 28 שילינג א וואָך, בעת דער מינימום־לוין, וועלכן דער פאַריין האָט איינגעפירט פאַר זיינע מיטגלידער, האָט באַטראָפן 36 שילינג. ווער ס׳האָט געהאַט דאָס מזל צו באַקומען באַשעפטיקונג ביי דער פירמע צענסדאָרף, האָט זיך אין משך פון אייניקע יאָר געקאָנט אַרויפאַרבעטן צו פאַרדינען דעם מינימום־לוין, אַזוי אַז דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין האָט זיך שוין נישט געקאָנט אָפּזאָגן אים אָנצונעמען ווי אַ מיטגליד. אַזוי אַרום איז מיין פריינט אַלבין ראָמאַן און צוזאַמען מיט אים אפשר נאָך אייניקע געוואָרן מיטגלידער פונעם פאַריין. אָבער דאָס זיינען געווען זעלטענע אויסנאַמען.

נאַטירלעך האָב איך אויך געפּרוווט מיין מזל ביי צענסדאָרפן, אָבער די צייט איז נישט געווען קיין גוטע און מ׳האָט מיך געטרייסט, אז מ׳וועט מיך צונעמען שפּעטער. ביי אָט־די אומשטענדן האָב איך באַשלאָסן דערווייל צו אַרבעטן אויף אייגענעם חשבון. און אַזוי ווי איך האָב זיך נאָך כסדר אַרומגעטראָגן מיט דער האָפענונג אין אַ קורצער צייט זיך צו קאָנען אומקערן קיין דייטשלאַנד, האָב איך זיך נישט שטאַרק געזאָרגט וועגן דער צוקונפט. איך האָב צום גליק געהאַט מיטגעבראַכט מיינע געווערקצייג פון פאַריז און איך האָב, אַזוי אַרום, נישט געדאַרפט מאַכן קיין גרויסע אויסגאַבן. מיר האָבן געהאַט אין פאַריין אַ דייטשן בוכהענדלער, וועלכער האָט יעדע וואָך געהאַט אַביסל אַרבעט פאַר מיר. אויך צוויי נאָענטע פראַנצויזישע בוכהענדלער האָבן מיר

צוגעזאָגט צו געבן אַרבעט. און חוץ דעם האָב איך נאָך געהאַט אַן אויסקוק צו באַ־קומען אַרבעט פון פּריוואַטע קליענטן. דערמיט איז אויך די דאָזיקע פראַגע געלייזט געוואָרן אויף אַ גליקלעכן אופן, אַן עינין, וועלכער איז אין אַ פרעמדן לאַנד איינער פון די דרינגענדיקסטע, וואָס אַרום אים דרייט זיך אַלעס.

אַ קורצע צייט נאָך מיין אָנקום בין איך אויף ווערנערס און ראָמאַנס פאַרלייג אויסגעקליבן געוואָרן ווי ביבליאָטעקאַר פון דער אַלטער פאַריינס־ביבליאָטעק, מיט וועלכער איך האָב זיך אַזוי אַרום געקענט גרינטלעך באַקענען. די אַלטע און ווערט־פולע זאַמלונג, וועלכע האָט אַרומגענומען אייניקע טויזנט בענד, האָט זיך געפונען אין אַ פולשטענדיק־פאַרוואָרלאָזטן צושטאַנד, מחמת זי איז שוין פון זינט יאָרן נישט באַנוצט געוואָרן, ווייל דער פאַריין האָט פאַרן קויף פון גרעפטאַן האָל נישט געהאַט קיין אייגענעם לאָקאַל פאַרן קלוב. אייניקע חדשים פאַר מיין אָנקום האָט דער פאַריין איבערגעגעבן איינעם, אַ געוויסן מילאָ, די אַרבעט באַנייס איינצופירן אַ סדר אין דער ביבליאָטעק און צו שאַפן אַ גענויען קאַטאַלאָג פון די ביכער. ער האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט דערמיט, וואָס ער האָט אָפּגעלייגט אין אַ זייט בערך 300 פראַנצויזישע ביכער, וועלכע ער האָט קאַטאַלאָגירט ווי אַ טויטן באַלאַסט און וועלכע זיינען איצט געלעגן אין אַ ווינקל באַדעקטע מיט שטויב, ווייל צום גליק האָט זיך נאָך ביז איצט נישט געהאַט געפונען קיינער, וועלכער זאָל געוועזן זיין אַ בעלן זיי צוצונעמען. בעת זיין אַרבעט האָט ער פּלוצים באַקומען אַ שטעלע אין פּאַריז, וווהין ער איז אַוועק און אַלעס איבערגעלאָזט אַזוי ווי ס׳איז געווען. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס מען האָט מיר איבערגעגעבן די אַרבעט פונדאַסניי איינצופירן אָרדענונג אין דער אַלטער ביבליאָטעק, אַן אַרבעט, וועלכע איז מיר געווען שטאַרק צום האַרצן און וועלכער איך האָב במשך פון חדשים אַוועקגעגעבן מיין פרייע צייט.

איך האָב קודם־כל איבערגעקוקט די ביכער, וועלכע מילאָ האָט אויסגעבראַקירט ווי איבעריקע. דאָס ערשטע בוך, וועלכעס איז מיר אַריינגעפאַלן אין די הענט, איז גע־ווען פּ. באָנאַראָטיס „היסטואַרע דע לאַ קאָנספּיראַסיאָן פור ל׳עגאַליטע, דיטע דע באַבעף״, וועלכעס איז דערשינען אין בריסעל אין יאָר 1828, און איז שוין קורץ פאַר דער יולי־רעוואָלוציע פון יאָר 1830 געווען פולשטענדיק אויספאַרקויפט. איך האָב קוים געגלייבט מיינע אייגענע אויגן און איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָ האָט מען דעם באָק געמאכט פאַר אַ גערטנער. צווישן די אויסגעבראַקירטע ביכער האָט זיך נישט געפונען קיין איין ווערק אפילו, וועלכעס מ׳האָט געקאָנט באַצייכענען ווי׳ ווערטלאָז. געווען אַפילו צווישן זיי א סך יקר־המציאותן, ווי למשל אַ פולשטענדיקע זאַמלונג פון די קאַלענדאַרן פון דער איקאַרישער באַוועגונג און אַ גרויסע צאָל פון עטיען קאַבע, וועלכע האָבן זיך באַצויגן אויף זיינע פּראָצעסן און קאָלאָניזאַטאָרישע פּרוון; דעסגלייכן ווערק פון ד׳אַרזשאַנסאָן, לערו, באַזאַר, טאָרע, פּעקער,ווידאַל און אַ זייער זעלטענע זאַמלונג פון אַלע פּראָפּאַגאַנדע־שריפטן פון די פראַנצויזישע קאָמו־ניסטן פון די דרייסיקער און פערציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, וועלכע ס׳איז שוין היינט אוממעגלעך צו געפינען. אַ סברא, אַז מיין פאָרגייער האָט די דאָזיקע זעלטענע ווערק דערפאַר אַרויסגעוואָרפן פון דער ביבליאָטעק, ווייל ער האָט

נישט פאַרשטאַנען די פראַנצויזישע שפּראַך און נישט געהאַט די מינדסטע ידיעה וועגן דער געשיכטע פון דער פריערדיקער באַוועגונג.

די נייע קלאַסיפיקאַציע פון דער אַלטער ביבליאָטעק איז געווען פאַר מיר אַ שטאַרק־אָנציענדיקע באַשעפטיקונג און האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך פרייד. מ'האָט דורך איר געקאָנט נאָכגיין די גאַנצע אינערלעכע אַנטוויקלונג פונעם „ק.אַ.ב.פ." דער על־טערער טייל פון דער ביבליאָטעק האָט אַריינגענומען כימעט בלויז ווערק און צייט־שריפטן וועגן אוטאָריטערן סאָציאַליזם, בעת פון די פריהייטלעכע ריכטונגען פון יענער צייט איז קוים מעגלעך געווען צו געפינען עפּעס אַ ווערק. פון דער גרויסער צאָל פּרודאָנס ווערק און פון זיינע אָנהענגער אין פראַנקרייך און אין בעלגיע, איז נישט געווען גאָרנישט; פּונקט אַזוי איז נישט געווען קיין איין ווערק אַפילו פון בעללע־גאַריגע, קערדערואַ, דעזשאַק אָדער פון די שפּעטערדיקע פראַנצויזישע מוטואַליסטן. אַפילו פון דער רייכער ליטעראַטור פון די פוריעריסטן האָבן זיך געפונען בלויז איניקע קלענערע שריפטן, אָבער אַפילו קיין איינציק ווערק פון פוריער גופא אָדער גאָר פון קאָנסידעראַן.

צום שטאַרקסטן איז נאַטירלעך געווען פאַרטראָטן די עלטערע ליטעראַטור פונעם דייטשן קאָמוניזם און סאָציאַליזם, בעת פון די אויסגאַבן פונעם „יונגן דייטשלאַנד" און דער שווייץ איז אפילו קיין איין ווערק נישט געווען. דערפאַר האָט מען געפונען אַלע ערשטע אויסגאַבעס פון ווילהעלם וויטלינג און אַ כימעט פולשטענדיקע קאָלעקציע פון אויגוסט בעקערס, סעבאַסטיאַן זיילערס, אנדרעאַס דיטשס, ערנסט דראָנקעס, טעאָדאָר עלקערס, א. ווילס, משה העס שריפטן, די ווערק פוןביידע אויסטערלישע נביאים אַלברעכט און געאָרג קולמאַן און פון אַ סך אַנדערע, וועמענס נעמען זיינען שוין היינט פון לאַנג פאַרגעסן געוואָרן. אויך די פראַנצויזישע און ענגלישע ליטעראַ־טור פון דערזעלביקער טענדענץ פון יענער צייט איז געווען גאַנץ גוט פאַרטראָטן. גאָר באַזונדערס ווערטפול זיינען געווען די קאָלעקציעס פון אַלטע אויסגאַבעס און צייט־שריפטן. אַזוי האָט די ביבליאָטעק געהאַט אַלע פעריאָדישע אויסגאַבעס, וועלכע וויט־לינג האָט אין משך פון די יאָרן אַרויסגעגעבן אין דער שווייץ, אין דייטשלאַנד און אין אַמעריקע: „דער הילפרוף דער דויטשען יוגענד" (1841), „די יונגע גענעראַציאָן" (1842־43), „דער אורוועלער" (1848) און „די רעפּובליק דער אַרבייטער" (1851־54). אויך פונעם „געזעלשאַפטסשפּיגעל", וועלכן משה העס האָט אין די יאָרן 1845־46 אַרויסגעגעבן אין עלבערפעלד, איז געווען א פולשטענדיקע קאָלעקציע; אַזוי אויך פּיטמאַנס „דויטשעס בירגערבוך" (דאַרמשטאַט עט מאַנהיים, 1845—46), סטעפאַן באָרנס „די פערברידערונג" (לייפּציק, 1848־50), י. ווּעידעמייערס „די רעוואָלוציאָן" (ניו יאָרק 1852) און נאָך אַ גרויסע צאָל פעריאָדישע אויסגאַבעס פון יענער צייט. פאַרן פאָרשער איז דערדאָזיקער ווערטפולער מאַטעריאַל געווען אַן אמתער אוצר, וועלכער איז, אינוויוויט ס'איז מיר באַקאַנט, בלויז פון מאַקס נעטלוי גרינטלעך אויסגענוצט געוואָרן.

פון די פריערדיקע אויסגאַבעס פון מאַרקס און ענגעלס זיינען נאַטירלעך געווען אַלע ערשטע אויפלאַגעס, מיטן אויסנאַם פון „די הייליגע פאַמיליע". אַ גאָר באַזונדערס

וווּרטפולער מאַטעריאַל פון דער ביבליאָטעק זיינען געווען די געשריבענע פּראָטאָקאָלן פונעם פאַריין, וועלכע זיינען צוגעקומען ביז צו דער ערשטער העלפט פון די פערציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אָבער שפּעטער מער נישט געפירט געוואָרן. פונעם פעריאָד פונעם „אינטערנאַציאָנאַל“ זיינען בלויז געווען שריפטן און בלעטער, וועלכע האָבן פאַרטראָטן די טענדענץ פונעם גענעראַלראַט, בעת פון די שריפטן און צייטונגען פונעם פעדעראַליסטישן פליגל איז אַפילו נישט געווען קיין איין עקזעמפּליאַר.

ערשט ווען מ'איז צוגעקומען צו דער שפּעטערדיקער, דער נייערער אָפּטיילונג פון דער ביבליאָטעק, האָט מען אָנגעהויבן מערקן אַ בולטן חילוק. מ'האָט בפירוש דערקענט, אַז מיט יאָהאַן מאָסטס באַווייזן זיך און מיט דער שפּאַלטונג אינעם פאַריין איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג. פון דעמאָלט אָן האָט אויך די פרייהייטלעכע טענדענץ באַקומען איר פּלאַץ אין דער ביבליאָטעק פונעם פאַריין, ווען אַפילו ס'זיינען נאָך אַלץ פאַראַן מסוכנדיקע בלויז, וועלכע מ'וואָלט געווען געקאָנט לייכט אויספילן, ווען ס'וואָלט שטענדיק געהאַט געווען אויפן אָרט אַן אָפּהיטנדיקע האַנט, וועלכע וואָלט זיך געווען באַצויגן צו דער דאָזיקער אַרבעט מיט אַן אינערלעכן געפיל. באַזונדערס איז געווען באַדויערלעך דער אומשטאַנד, וואָס מ'האָט שפּעטער לגמרי אויפגעהערט איינצושאַפן פראַנצויזישע און ענגלישע ביכער און צייטשריפטן, אַזוי אַז פון דער גרויסער ליטעראַטור פונעם פראַנצויזישן אַנאַרכיזם איז געווען גאַנץ ווייניק אויפגעהיט. שולדיק אין אָט־דער באַשיימפּערלעכער פאַרנאַכלעסיקונג איז מיסתמא געווען דער אומשטאַנד, וואָס דער „ק.אַ.ב.פ.“ איז אין משך פון זיין לאַנגער עקזיסטענץ אָפט געווען געצוווּנגען צו בייטן זיין דירה און די ביבליאָטעק האָט גאַנץ אָפט געמוזט פאַרפּאַקט ווערן אין קאַסטנס און צוליב דוחק אין פּלאַץ געמוזט אַוועקגעשטעלט ווערן ערגעץ ביי אַ פאַרטרוילעכן חבר אין אַ קעלער אָדער אין אַ שפּייכלער, ווו זיי האָבן זיך צומאָלס במשך פון לאַנגע יאָרן אַרומגעוואַלגערט און נישט באַנוצט געוואָרן. ס'איז שטאַרק וואַרשיינלעך, אַז ביי אַזעלכע מיניס אַריבערציִענישן איז נישט איין ווערטפול און יקר־המציאותדיק בוך פאַרלוירן געוואָרן*).

---

*) איך אַליין האָב אין די שפּעטערדיקע יאָרן געקאָנט באַאָבאַכטן, ווי אַזוי אַזעלכע זאַכן פאַסירן. ווען כימעט אַלע יינגערע מיטגלידער פונעם „ק.אַ.ב.פ.“ זיינען נאָכן אויסברוך פונעם ערשטן וועלטקריג אינטערנירט געוואָרן, האָט מען די אַלטע ביבליאָטעק אַוועקגעפירט אינעם בנין, ווו ס'האָט פונקציאָנירט דער „אַרבייטער־פריינד“, צו די יידישע חברים אינעם לאָנדאָנער מיזרח־טייל. אָבער נאָך פאַר דעם האָט דער חבר אָטטאָ שרייבער גענומען צו זיך אין זיין וווינונג אַ היפּשן סכום ווערטפולע ביכער, צווישן זיי אויך די אַלטע, די איינציקע אומאָפּשאַצבאַר־ווערטפולע פּראָטאָקאָלן פונעם פאַריין. מיט אייניקע חדשים שפּעטער איז אויך ער אַליין אינטערנירט געוואָרן און איז נאָך צוויי יאָר בערך געשטאָרבן אינעם קאָנצענטראַציעלאַגער פון קנאַקאָלאָע אויף דער אינדזל מען. שרייבער איז נישט געווען קיין חתונה־געהאַטער. ער האָט פון זינט אַ סך יאָרן געוווינט ביי אַן עלטערער ענגלענדערן. נאָכן סוף פון דער מילחמה האָט דער חבר הערמאַן שטענצליין זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן וועגן די פאַרבליבענע זאַכן און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שרייבערס באַלעבאָסטע האָט זיך שוין פון לאַנג געהאַט אַרויסגעצויגן פון איר דירה און אפשר גאָר שוין געשטאָרבן און יענע טיילן פון דער ביבליאָטעק זיינען מער קיינמאָל נישט געפונען געוואָרן.

שפּעטער איז רודאָלף גראָסמאַן (פּיער ראַמוס) געקומען אויף אַ וויזיט קיין לאָנדאָן און גענומען אין דער ביבליאָטעק בערך צוואַנציק שטאַרק־ווערטפולע ביכער, צווישן זיי אויך די

אין דער צייט פון מיין טעטיקייט ווי דער ביבליאָטעקאַר פונעם פאַריין האָב איך באַוויזן אויסצופילן געוויסע בלויזן אין זיין אַרכיוו, הגם דאָס איז שוין דעמאָלט נישט געווען גרינג, און דער פאַריין איז שטענדיק געווען באַלאָדן מיט פאַרשידענערליי אויסגאַבן און ס׳איז כימעט נישט געבליבן קיין מיטלען פאַר דער אויפפרישונג פון דער אַלטער ביבליאָטעק.

צווישן די מיטגלידער פונעם „ק.אַ.ב.פ.״ איז דעמאָלט געווען אַ גאַנצע שורה אינטערעסאַנטע געשטאַלטן, מיט וועלכע איך בין ביסלעכווייז נענטער באַקאַנט געוואָרן. אַ באַזונדערן קרייז האָבן צונויפגעשטעלט די אַלטע „אויטאָנאָמיסטן״. איך האָב זיך שוין געהאַט באַקענט מיט אייניקע פון זיי בשעת מיין ערשטן באַזוך אין לאָנדאָן און איצט האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען אויך מיט די אַנדערע. זיי זיינען כימעט אַלע, איינער ווי דער אַנדערער, געווען אָרנטלעכע און אויפריכטיקע מענטשן, וועלכע זיינען געווען געטריי איבערגעגעבנטפערט צו זייער אידעאַל, און מעג מען קוקן אויף זייער פריערדיקער טעטיקייט ווי אַזוי מ׳וויל, אָבער קיינער פון יענע, וואָס האָט געהאַט די געלעגנהייט זיך נענטער צו באַקענען מיט זיי, קאָן נישט שטעלן אין ספק די אויפריכטיקייט פון זייערע איבערצייגונגען. די פריערדיקע מיטגלידער פון דער גרופּע „אָוטאָנאָמי״ זיינען בשעת דעם סאָציאַליסטן־געזעץ גאַנץ אָפט באַוואָרפן געוואָרן מיט שווערע באַשולדיקונגען און פאַרדעכטיקונגען מיצד זייערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קעגנער און נישט איינמאָל איז אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע אַרויסגעזאָגט געוואָרן די השערה, אַז די אַרויסגעבער פון „אָוטאָנאָמי״ האָבן אָנגע־האַלטן געהיימע פאַרבינדונגען מיט דער פּאָליטישער פּאָליציי אין בערלין. דער אומגליקלעכער ברידערקריג, וועלכער האָט געהערשט אין דער לאָנדאָנער באַוועגונג במשך פון אַ סך יאָרן און זי געהאַלטן געשפּאָלטן און פונאַנדערגעטיילט, האָט צוגע־טראָגן אַ נישט קליינעם חלק דערצו, אַז יענע טונקעלע קלאַנגען זאָלן האָבן פון וואַנען צו ציען יניקה.*)

דערמיט וויל איך בשום אופן נישט אָפּפרעגן דעם פאַקט, אַז אין דער לאָנדאָנער

---

ערשטע אויפלאַגע פונעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט״, וועלכע ער האָט מיטגענומען קיין ווין און זיי קיינמאָל נישט אומגעקערט, נישט געקוקט אויף אַלע אויפפאָדערונגען פון אַ סך אַלטע מיטגלידער פונעם פאַריין.

אַזוי ווי ס׳איז מער נישט געווען קיין אויסקוק באַנייס אויפצולעבן די דייטשע באַוועגונג אין ענגלאַנד, האָט די קליינע צאָל אַלטע חברים, וועלכע איז נאָך פאַרבליבן אין לאָנדאָן, באַשלאָסן איבערצוגעבן די ביבליאָטעק דער „פרייער אַרבייטער־אוניאָן״ און אַזוי האָבן זיי אַוועקגעשיקט די אַלטע ביבליאָטעק קיין בערלין. דאָס איז געווען אַ גרויס גליק, ווייל בשעת דער צווייטער וועלט־מילחמה איז דער לאָקאַל פון די לאָנדאָנער יידישע חברים אויף דזשובילי־סטריט באָמבאַרדירט געוואָרן און ס׳איז אָפּגעברענט אַלעס, וואָס דאָרט איז געווען.

ווען די לאַגע אין דייטשלאַנד איז באַלד נאָך היטלערס איבערנעמען די מאַכט געוואָרן אַלץ געפערלעכער, האָט מען נאָך געהאַט צייט אָפּצושיקן די אַלטע ביבליאָטעק פונעם „ק.אַ.ב.פ.״ קיין אַמסטערדאַם, ווו זי איז אַריינגענומען געוואָרן אינעם דאָרטיקן „אינסטיטוט פאַר סאָציאַלער געשיכטע״, און ווו ס׳האָט אויך געפונען אַ פּלאַץ מאַקס נעטלויס רייכע זאַמלונג.

*) אין מיין בוך „יאָהאַן מאָסט, דאָס לעבן פון אַ רעבעל״ (בערלין, 1924) האָב איך זיך אויסגעפּירלעך, ביפרטות, פאַרנומען מיט אָט־דער מחלוקה. איך האָב פאַר דעם צוועק געהאַט אַ רייכן מאַטעריאַל אין מיין רשות און איך האָב ביז איצט נישט געהאַט קיין שום סיבה צו ענדערן מיין מיינונג. אגב, דאָסדאָזיקע בוך איז אויך פאַראַן אין שפּאַניש.

באַוועגונג פון יענע טעג האָבן פון צייט צו צייט אויך געשפּילט קורצע גאַסטראָלן טונקעלע קאַוואַלירן. אויך די סאָציאַלדעמאָקראַטישע באַוועגונג איז דאָך בשום אופן נישט געווען פריי פון שפּיאָנען, וועלכע האָבן זיך אַריינגעשמוגלט אין אירע רייען, ווי די גאַנץ אָפטע דענונציעס אינעם „סאָציאַלדעמאָקראַט" האָבן דאָס גאַנץ קלאָר באַוויזן. דאָס איז געווען אין אַ צייט, ווען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון ביידע ריכטונגען האָבן אין דייטשלאַנד געקאָנט פירן נאָר אַן אונטערערדישע עקזיסטענץ און איר פּרעסע און די אַנדערע ליטעראַטור האָט געמוזט אַריינגעפירט ווערן בסוד פון אויסלאַנד. איז עס גאָרנישט מעגלעך געווען אַנדערש. אָבער מ'קאָן נישט מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך אַ גאַנצע באַוועגונג פאַר אַזעלכע זאַכן, אויב מ'וויל נישט בכיוון און באַשיימפּערלעך פאַראַווען שטיק מיטן אמת. מיינע נעענטערע באַציונגען מיט די פריערדיקע מיטגלידער פון דער גרופּע האָבן מיך פולשטענדיק איבערצייגט, אַז אין אָט־די אַלע גרונטלאָזע גערײדערייען איז נישט געווען קיין איין אמתדיק וואָרט. צווישן די אַלע „אויטאָנאָמיסטן", מיט וועלכע איך בין פּערזענלעך געקומען אין באַריר, איז נישט געווען קיין איינציקער, וועמענס פּאָליטישע ערלעכקייט ס'זאָל אויף וועלכן ס'איז אופן קאָנען געשטעלט ווערן אין ספק. דער רוב פון זיי איז אין פּערזענלעכן לעבן און אויפפיר געווען בכבודיקע און איינגענעמע מענטשן און ס'איז קעגן זיי גאָרנישט געווען וואָס אויסצוזעצן. זיי זיינען אַלע, איינער אַזוי ווי דער אַנדערער, געווען טיכטיקע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך אויסגעהאַלטן אויף אַן ערלעכן אופן, און זיינען תמיד געווען גרייט צו ברענגען יעדן קרבן פאַר זייער אידעאַל. וועגן אייניקע פון זיי, ווי למשל וועגן ר. גונדערזען, איינעם פון די פריינטלעכסטע און אָנציענדיקסטע מענטשן, וואָס מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, איז שוין גערעדט געוואָרן אין ערשטן באַנד.*)

איינער פון די אייגנאַרטיקסטע מענטשן אין יענעם קרייז איז געווען ר. וואַלהאַוזען, אַ בעקער, וועלכער האָט איבערגענומען די רעדאַקציע פון „אַוטאָנאָמי" נאָכדעם ווי פּויקערט איז אַוועק, ווען אַפילו זיין נאָמען איז קיינמאָל נישט דערמאָנט געוואָרן. במשך פון אַ סך יאָרן האָט ער דעמדאָזיקן בלאַט געווידמעט די גאַנצע פרייע צייט זיינע, און ער האָט דערפאַר קיינמאָל נישט באַקומען אפילו די מינדסטע פאַרגיטיקונג. און ווען אַפילו ער איז נישט געווען קיין גלענצנדער רעדאַקטאָר, האָט ער אָבער אַוועקגעגעבן דער באַוועגונג אַלעס, וואָס ער איז געווען ביכולת. וואַלהאַוזען איז געווען אַ שטילער, אַביסל דאָקטרינער־געשטימטער מענטש, אַגב אַ שטריך, וועלכן מ'האָט אייגנטלעך געקאָנט באַמערקן ביים רוב פון די אַלטע „אויטאָנאָמיסטן"; אַ מענטש, וועלכער האָט זיך באַמיט אויסצוברייטערן און פאַרמערן זיינע קענטענישן דורך באַשטענדיקן זעלבסטשטודיום; ער איז געווען אַ מענטש מיט אַן אומבאַפלעקטן כאַראַקטער און אָפּגעהיטער ערלעכקייט. ווען איך האָב זיך מיט אים באַקענט, האָט ער זיך געפונען אין אַ נישט־איבעריקס פויגלדיקער סיטואַציע, מחמת אַ שווערע אינערלעכע קראַנקייט האָט פאַר דער צייט פאַרצערט זיינע כוחות און מיט שווערער מי איז אים אָנגעקומען צו קאָנען אַרבעטן אין זיין

*) אין ערשטן קאַפּיטל פון אָט־דער יידישער אויסגאַבע.

פּראָפּעסיע. וואַלהאַוזען איז נישט געווען שטאַרק באַריידעוודיק און זיין געדריקטע שטימונג האָט גורם געווען, אַז ער זאָל אָנהאַלטן ווייניק באַציונגען. מ׳האָט געמוזט באַקענט ווערן מיט אים נענטער, ביכדי צוצוקומען צום סאַמע תוך פון זיין נשמה. אָבער די אינערלעכע לויטערקייט פון זיין כאַראַקטער האָט ביי יעדן איינעם, ווער ס׳האָט אים נאָר געקענט, אַרויסגערופן דרך־ארץ. ער האָט מיט סטאָישער רואיקייט שלום געמאַכט מיט זיין שווערן גורל, און ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ס׳איז שוין פאַר אים נישט מעגלעך קיין שום הילף, האָט ער פרייוויליק געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן.

וואַלהאַוזענס אַ גוטער פריינט איז געווען זיין פּאַכקאָלעגע קאַרל סקאָופּין, אַ ווילער אַלטער חבר, וועלכער האָט געמוזט אָפּזיצן אין טורמע דריטהאַלבן יאָר ווי אַ שטראָף פאַרן פאַרשפּרייטן די „אַוטאָנאָמי״. נאָכן אָפּקומען די שטראָף איז ער ווידער צוריקגעקומען קיין לאָנדאָן, וווּ ער האָט תיכף פונדאָסניי פאַרנומען זיין פּלאַץ אין דער באַוועגונג. אַ קלאָרער קאָפּ איז געווען דער שוסטער פרידריך בינגער, וועלכער האָט מיט התמדה מיטגעאַרבעט אין „אַוטאָנאָמי״ און איז געווען דער מחבר פון אַ קליינער בראָשורקע „אַנאַרכיזמוס אונד קאָממוניזמוס״, וועלכע איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן אָן דעם נאָמען פונעם מחבר. צו די עלטערע מיטגלידער פון דער געוועזענער גרופּע האָבן אויך באַלאַנגט די חברים אָטטאָ שיק, אַוגוסט רעדער און ר. ליסקע, יוליוס ליסקעס אַ ברודער. דער לעצטער איז אין יאָר 1885 אין פראַנקפורט ביים מאַין פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט און טאַקע אומגעבראַכט געוואָרן אויפן סמך פון אַן אומבאַגרינדעטן חשד אין שייכות מיט דער דערמאָרדונג פונעם באַוואוסטן פּאָליצייאישן ראַטמאַן רומפּף. אויך דער שניידער דיטמאַן דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן. ער איז איינעם קרייז פון זיינע נאָענטע חברים אָנגעגעגאַנגען ווי אַ זייער פעיקער מענטש, אָבער ער פלעגט זיך על־פּי־רוב פאַרנעמען מיט האַרשפּאַלטנדיקע פּילפּולים, וועלכע האָבן זיך אפשר פאַר עמעצן אויסגעוויזן ווי טיפע חקירות. דער פאַקט איז, אַז צווישן די אַלטע „אויטאָנאָמיסטן״, מיט וועלכע איך האָב זיך באַקענט, איז, אפשר מיטן איינציקן אויסנאַם פון גונדער־זען, נישט געווען קיין איינער, וועלכער זאָל זיך געווען האָבן אויסגעצייכנט מיט עפּעס אַ ספּעציעלער גייסטיקער באַגאַבונג. אין אַט־דעם פּרט קאָנען זיי זיך לחלוטין נישט פאַרגלייכן מיט דער יונגער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד, וועלכע האָט זיך דעמאָלט גרופּירט אַרום גוסטאַוו לאַנדאַוער און זיינע נענטערע פריינט. אָבער זיי זיינען בלי־שום ספק געווען ווילע און אויפריכטיקע חברים, וועלכע זיינען געווען באַגייסטערט מיט די בעסטע כוונות און וועמענס אַמאָליקע טעטיקייט מוז נאַטירלעך געמאָסטן ווערן נאָר מיט דער מאָס פון זייער צייט, אויב מ׳וויל זיין גערעכט לגבי זיי.

צו די חברים, וועלכע האָבן במשך פון אַ סך יאָרן אָנגעפירט אַן אַקטיווע טע־טיקייט אין „ק.אַ.ב.פ.״, האָט באַלאַנגט הערמאַן שטענצלייט. ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכע זיינען נאָכן דעקרעטירן דעם סאָציאַליסטן־געזעץ אין בערלין אויסגעוויזן געוואָרן פון לאַנד, און ער איז דעריבער צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע

געקומען קיין ענגלאַנד. שטענצלייט האָט זיך געקענט מיט יאָהאַן מאָסטן נאָך פון בערלין, ווען דער לעצטער איז נאָך געווען אַ שרייבער אין דער „בערלינער פרייע פרעסע“. ווען מאָסט איז נאָכן אָפּקומען אַ לענגערע תפיסה־שטראָף תיכף אַרויס־געשיקט געוואָרן פון בערלין און ער האָט זיך אויך פאַרנומען קיין לאָנדאָן, האָט זיך שטענצלייט תיכף פאַרבונדן מיט אים און ער האָט באַלאַנגט צו די מיטגרינדער פון די „פרייהייט“. ער האָט צוזאַמען מיט מאָסטן פערזענלעך דורכגעמאַכט דעם לעצטנס גאַנצן אַנטוויקלונגס־וועג און אויך ער איז, פּונקט ווי מאָסט, פּאַמעלעך, בהדרגה־דיק, פון סאָציאַלדעמאָקראַט געוואָרן אַנאַרכיסט. שטענצלייט האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצן אינערלעכן גערעַנגל פון דער לאָנדאָנער באַוועגונג ווי אַן אַקטיוו־באַ־טייליקטער אין אָט־דעם קאַמף, און טאַקע אויף וויקטאָר דאַוועס צד, מיט וועמען ער איז זיך שפּעטער אפילו פונאַנדערגעגאַנגען, אָבער זיך פונדעסטוועגן נישט אָנגעשלאָסן צו די „אויטאָנאָמיסטן“. ער איז ביז צום סוף פון זיין לעבן געשטאַנען מיט דער באַוועגונג אין דייטשלאַנד אין נאָענטן קאָנטאַקט און אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער אונדז אָפּגעשטאַט אייניקע באַזוכן אין בערלין. ער איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן ווי אַן אַכציק־יעריקער זקן, נאָכדעם ווי די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט אין דייטשלאַנד, און ער איז געבליבן געטריי זיינע אידעען ביז צום סוף פון זיין לעבן.

איינער פון שטענצלייטס נאָענטסטע פריינט איז געווען אָטאָ שרייבער, וועלכער איז אַפּילו געקומען פיל שפּעטער קיין לאָנדאָן, אָבער אין מיין צייט האָט ער באַ־לאַנגט צו די אַקטיווסטע מיטגלידער פונעם „ק.אַ.ב.פ.“ ער איז שפּעטער, ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מילחמה, פּונקט ווי איך אַליין און א סך אַנדערע, אַרעסטירט געוואָרן און איז געשטאָרבן פון אַ לונגען־אַנטצינדונג אין אַ לאַגער פאַר דייטשע געפאַנגענע אויפן אינדזל מען.

איינער פון די אינטערעסאַנטסטע מענטשן צווישן די אַלטע מיטגלידער פונעם פאַריין איז געווען דער שניידער האַזע, אַ זייער טאַלענטירטער אַרבעטער און אַן אויסגעצייכנטער כאַראַקטערפולער מענטש, מיט וועמען ס׳האָט מיך באַלד פאַרבונדן אַ נאָענטע פריינטשאַפט. האַזע האָט געשטאַמט פון עלבערפעלד און ער האָט זיך אין דער צייט פונעם סאָציאַליסטן־געזעץ אָנגעשלאָסן צו דער אונטערערדישער באַוועגונג. אין זיין היים האָט ער זיך ביים אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן באַקענט מיט אַוגוסט ריינסדאָרף, וועלכער האָט זיך דעמאָלט אויפגעהאַלטן מיט אַ פאַלשן נאָמען צווישן די וו[...]בער פון וופּערסטאַל און דאָרטן אויסגעאַרבעט די ערשטע פלוגבלעטער פאַר דער קאָנספּיראַציע פון נידערוואַלד, פאַר וועלכער ער האָט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געמוזט אַוועקלייגן דעם קאָפּ אונטער דער האַק פונעם תליון. פון אים האָט האַזע באַקומען דעם ערשטן אָנרעג פאַר זיין פרייהייטלעכער אַנטוויקלונג און ווען ער האָט שפּעטער געמוזט אַנטלויפן קיין לאָנדאָן, האָט ער זיך תיכף צוגע־שטעלט צו דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג און באַלאַנגט צו די אַקטיווסטע חברים פונעם אַלטן פאַריין.

צו די דעמאָלסטיקע מיטגלידער פונעם „ק.אַ. ב. פ.“ האָט אויך באַלאַנגט פער־

דינאַנד גיללעס, מיט וועמען איך האָב זיך שוין געהאַט באַקענט פון ווייטנס אין בריסעל, אין דער צייט פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס. גיללעס איז נישט געווען קיין אַנאַרכיסט און ער איז ביז צו זיין טויט געבליבן געטריי צו דער מאַרקסיסטישער שיטה. אָבער ער איז געשטאַנען אין באַשטענדיקן געראַנגל מיט די אַלטע פירער פון דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטיע און ער האָט פון אָנהויב אָן זיך אַרויסגעשטעלט פאַר די אידעען פון די יונגע אין דייטשלאַנד. ווען די אַזוי־גערופענע „אומאָפּהענגיקע" זיינען שפּעטער אַוועק פונעם „ק.אַ.ב.פּ.", איז ער זיי נישט נאָכגעגאַנגען, הגם גייסטיק איז ער מיט זיי געווען פיל נענטער ווי מיט די אַנאַרכיסטן. אָבער ער האָט דערקלערט, אַז אים איז לייכטער צו אַרבעטן מיט די לעצטע און ער איז אויך אויף ווייטער פאַרבליבן אַ מיטגליד פונעם פאַריין. גיללעס איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער זשורנאַליסט און אים איז אין לאָנדאָן אומצייליקע מאָל אויסגעקומען צו רעדאַקטירן סאָציאַליסטישע בלעטער, וועלכע האָבן אָבער נישט געהאַט קיין אַריכת ימים. ער איז געווען אַ זייער געניטער רעדנער און איך האָב מיט אים געהאַט אייניקע דעבאַטעס, וועלכע פלעגן אָבער שטענדיק פאַרענדיקט ווערן גאַנץ זאַכלעך. מ׳פלעגט אָבער מערקן ביי אים אַ שטאַרקע אויפגערעגטקייט און רייצבאַרקייט, מחמת ער איז געווען אַ שווער־קראַנקער מענטש און ער איז געשטאָרבן בערך אַ יאָר נאָך מיין אָנקומען קיין לאָנדאָן.

אויך צווישן די נייע מיטגלידער פונעם פאַריין, וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין לאָנדאָן אַביסל פריער פון מיר, איז געווען אַ סך אויסגעצייכנטע מענטשן, צווישן זיי מיין שפּעטערדיקער שוואָגער ערנסט זיממערלינג און אַ ברודער פונעם באַקאַנטן האָלענדישן אַנאַרכיסט קריסטיאַן קאָרנעליסען. זיממערלינג און קאָרנעליסען זיינען ביידע, צוליב אַ פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע פאַרן איטאַליענישן קאָנסולאַט אין ציריך, מיט וועלכער מ׳איז אויסן געווען צו פּראָטעסטירן קעגן די בלוטיקע פאַסירונגען אין סיציליע, אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער שווייץ.

צוזאַמען מיט זיי, וועלכע זיינען, פּונקט ווי אַזוי פיל אַנדערע איטאַליענישע און דייטשע חברים, באַשטראָפט געוואָרן מיט אַרויסשיקונג, איז אויך געקומען קיין לאָנדאָן אַ געוויסער אָטטאָ וויכערס פאָן גאָג. ער איז געווען דער מחבר פון דער בראָשורקע „דאָס פּראָלעטאַרישע מאַניפעסט", וועלכע איז דערשינען אין בערלין אין יאָר 1893, און זיך שטאַרק געדרייט אין די קרייזן פון די „אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן" אין ציריך. אַ שוישפּילער און זשורנאַליסט לויט זיין באַשעפטיקונג, האָט זיין גאַנצע האַלטונג געהאַט אין זיך עפּעס טעאַטראַלישס, אַ שטריך, וואָס האָט אים נישט געמאַכט שטאַרק באַליבט. וויכערס איז נישט געווען קיין שלעכטער רעדנער און ער האָט אויך געהאַט באַקומען אַ בעסערע דערציונג. אָבער בטבע איז ער געווען אַ פּאָליטישער אַוואַנטוריסט, וועלכער נעמט נישט ערנסט קיין שום זאַך. אין שייכות מיט אייניקע זייער אומאַנגענעמע פּאַסירונגען האָט אים ווערנער ביי אַ זיצונג פונעם פאַריין שאַרף אויסגערעדט, און אַזוי ווי ער איז שוין געווען צעקריגט מיט כימעט אַלעמען און אפילו דער ווילער און האַרציקער בערנאַרד קאַמפּפמייער האָט שוין מיט אים נישט געוואָלט האָבן קיין שום שייכות, איז ער לסוף לגמרי פאַרשוווּנדן

פון אונדזער קרייז. באַלד נאָכדעם איז ער אָפּגעפאָרן מיט זיין פאַמיליע קיין אַמע־ריקע, ווו ער איז לכתחילה פריינטלעך אויפגענומען געוואָרן פון יאָהאַן מאָסט און אַפילו א געוויסע צייט געשריבן פאַר דער „פרייהייט". אָבער אויך דאָרטן האָט מען זיך גאָר אינגיכן געכאַפּט, וואָס פאַרא פאַרשוין ער איז, און מ׳האָט מיט אים איבער־געריסן אַלע באַציונגען. ער איז נאָכדעם אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון דער באַוועגונג און ער איז שפּעטער אומגעקומען בעת דער גרויסער ערדציטערניש אין סאַן פראַנ־ציסקאָ.

איינער פון די אויסטערלישסטע מענטשלעכע באַשעפענישן, מיט וועמען ס׳איז מיר דעמאָלט אויסגעקומען זיך צו טרעפן אויף מיין לעבנסוועג, איז געווען דער בעקער פּאַביאַנאָוויטש, אַ קראַאַט לויט זיין אָפּשטאַם און נאָך אַ גאַנץ יונגער מענטש אין יענער צייט. פּאַביאַנאָוויטש האָט נישט באַלאַנגט צו קיין שום אָרגאַניזאַציע, אָבער ער האָט זיך שטענדיק אויפגעהאַלטן אין אונדזערע קרייזן. צום נאָענטסטן איז ער דעמאָלט געשטאַנען צו קאָנראַד פרעליך, דעם געוועזענעם אַרויסגעבער פון „קאָמוניסט", פון „ראַכע" און אַנדערע שרייערישע בלעטער, וועגן וועלכע עס איז שוין פריער געווען די רייד. פרעליך האָט נישט געהאַט קיין באַזונדערס גוטן שם צווישן די לאָנדאָנער חברים און איך האָב זיך שטענדיק געחידושט, וואָס אַזעלכעס דער יונגער קראַאַט האָט ביי אים געפונען, כדי צו ווערן אַזוי צוגעבונדן צו אים. אפשר איז עס געקומען בלויז פון דעם אומשטאַנד, וואָס פרעליך איז געווען פּונקט אַזאַ אויסטערלישער עקזעמפּליאַר אויף זיין שטייגער ווי ער אַליין און דעריבער האָט ער געהאַט אַזאַ צוציונגסקראַפט אויף אים. ווען פרעליך האָט אין יאָר 1895 אַרויס־געגעבן זיין „לאָנדאָנער אַרבייטערצייטונג", וועלכע איז אין איר טאָן געווען היפּש־לעך אַנדערשדיק ווי זיינע פריערדיקע פאַרשידנמיניקע אויסגאַבן, הגם זי איז צוליב דעם נישט געווען באַזונדערס ווערטפול פון גייסטיקן שטאַנדפּונקט, האָט פּאַביאַנאָוויטש, וועלכער האָט געהאַט אַ גוטע שטעלע, מקריב געווען דעם גרעסטן טייל פון זיין לוין פאַר דער פאַרעפנטלעכונג פונעם בלאַט, ביז ער איז שפּעטער אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע און פרעליכס צייטונג איז ווידער אַראָפּ פונעם מאַרק און נישט איבערגעלאָזט קיין שום שפּור.

פּאַביאַנאָוויטש, וועלכער האָט כימעט נישט באַקומען קיין שום דערציונג און בילדונג, איז בטבע געווען א פילאָזאָפיש־גענייגטער קאָפּ, וועלכער האָט זיך ארומ־געטראָגן מיט שטימונגען און בענקענישן, וועלכע זיינען קיינמאָל נישט דערגאַנגען צו צייטיקייט. ער האָט זיך שטענדיק אַרומגעיאָגט נאָך נייע אָריענטאַציעס און ווען איך האָב זיך מיט אים באַקענט, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט שטודירן ניטשען, וועל־כער האָט אויף אים געהאַט אַ גאָר ספּעציעלע צוציונגסקראַפט און ווירקונג און וועמען ער האָט אויסגעטייטשט אויף זיין אייגענעם שטייגער. הגם ער האָט שטענ־דיק געוואָלט פיגורירן ווי אַן אינדיווידואַליסט פונעם ריינסטן סאָרט, איז ער אָבער לויטן גאַנצן מהות זיינעם געווען אַ געבוירענער קאָמוניסט אין בעסטן זין פון אָט־דעם וואָרט, מחמת זיין גרייטשאַפט צו העלפן און צו ברענגען אַ קרבן איז איב־דעראַמתן געווען אומבאַגרענעצט. איך האָב זיך שפּעטער אַביסל דורכגעשריבן מיט

אים. דאָס נעמלעכע האָט אויך געטאָן מאַקס נעטלאַו און איך בין מיט אים תמיד פאַרבליבן אין דער בעסטער פריינטשאַפט, ווייל אין אָט־דעם דאָזיקן זעלטענעם מענטשן, וועלכער האָט געלעבט אַזאַ רייך אינערלעך לעבן, האָט געוווינט אַ ריינע, קינדערשע נשמה, וועלכע האָט נישט געקאָנט פאַרטונקלט ווערן דורך קיין שום גרי־מאַסע, האָט זי געמעגט זיין נאָך אַזוי גראָטעסק. ער האָט אַ סך אַרומגערייזט אין זיין אַוואַנטוריסטישן לעבן; האָט זיך דורכגעשלעפּט צופוס איבער די גאַנצע פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע; איז געווען אין מעקסיקע, אויסטראַליע און נייזעלאַנד; אַן אייביק־זוכנדיק וועזן, וועלכעס האָט פאַרזוכט אַלע ביטערקייטן פונעם לעבן, אָבער פונ־דעסטוועגן פאַרשטאַנען און באַוויזן איינצואָרדענען זיין לעבן אויף זיין אייגענעם שטייגער און קיינמאָל נישט פאַרצווייפלט געוואָרן, ווען אפילו די געשעענישן האָבן זיך נישט אויסגעוויקלט אַזוי ווי ער האָט זיי געוואָלט זען. ווען איך האָב אים מיט דרייסיק יאָר שפּעטער פונדאָסניי באַגעגנט אין לאָס אַנדזשעלעס, איז ער שוין געווען אַ רייפער מאַן, וועלכער האָט געהאַט הינטער זיך אַ סך דערפאַרונגען, אָבער אין זיין וועזנטלעכקייט האָט זיך גאָרנישט געהאַט געענדערט. ער האָט נאָך אַלץ אַרומגעזוכט, ווי אַמאָל, אין די טעג פון זיין יוגנט. ער האָט דעמאָלט געלעבט צוזאַמען מיט זיין מוטיקער חברטע און אָנגעהאַלטן אַ נאָענטע פריינטשאַפט מיט אונדזער אַלטן אַלפרעד זאַנפטלעבן, אין וועמען ער האָט מיט רעכט דערקענט און געפונען אַ נאָענטע נשמה־דיקע קרובהשאַפט.

פּאַביאַנאָוויטש איז געשטאָרבן אין לאָס אַנדזשעלעס ביים סוף פון די דרייסי־קער יאָרן. ער האָט געהאַט די געוווינהייט צו פאַרצייכענען זיינע געדאַנקען און דערפאַרונגען. פון זיי זיינען נאָך בעת זיין לעבן אַרויסגעקומען איניקע קליינע ביכ־לעך, אַזעלכע ווי „צוויי איינזאַמע מענטשן און זייער גליקזעליקייט" און „אַס אי זעע ניטשע", וועלכע רופן אַרויס ביים לייענער אַ דזשאָנגל־שטימונג, אָבער פונדעסטוועגן קאָן מען פון זיי אַרויסזען די אויסוויקלונג פון אַן אויסטערלישן לעבן.

אַזוי פיל פון די אַלטע פריינט פון מיין ערשטן לאָנדאָנער פעריאָד געפינען זיך שוין היינט נישט צווישן די לעבעדיקע. ס'ווערט כסדר ליכטיקער און שיטערער אינעם וואַלד. בלויז די זיכרונות ציען נאָך שטילערהייט זייערע קרייזן איבער אייניקע ווייטע קברים.

## לואיזע מישעל. ערריקאָ מאַלאַטעסטאַ. פיעטראָ גאָרי

אין גרעפּטאָן האָל זיינען אויך געווען אָפּטע געסט אַ גאַנצע שורה באַקאַנטע פראַנצויזישע און איטאַליענישע חברים. איניקע פון זיי האָבן שוין פון זינט אַ סך יאָרן געלעבט אין לאָנדאָן; אַנדערע זיינען דורך די כסדר וואַקסנדיקע פאַרפאָלגונגען אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט צייטווייליק פאַרוואָרפן געוואָרן קיין ענגלאַנד, ביכדי נאָך אַ לענגערן אָדער קירצערן אויפהאַלט דאָרט זיך ווידער אומצוקערן אין זייערע היימלענדער. דאָרט איז עס טאַקע געווען, ווו איך האָב צום ערשטן מאָל באַגעגנט לואיזע מישעל, דידאָזיקע אומדערמידלעכע קעמפערן, וועמעס העלדישע ראָל פון דער צייט פון דער פּאַריזער קאָמונע ס'איז מיר געווען אַזוי גוט באַקאַנט. איך האָב זיך מיט איר באַקאָנט אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין גרעפּטאָן האָל, וועלכע איז געווען געווידמעט דעם אָנדענק פון דער קאָמונע און ווו איך בין געווען באַשטימט איבערצוזעצן איר רעדע אויף דייטש. ווען איך האָב זיך באַלד נאָכדעם אַריבערגעצויגן פון מיין אַלטער דירה אויף שאַרלאָט סטריט, האָב איך זיך גאַנץ אָפּט צונויפגעטראָפן מיט איר, מחמת זי האָט דעמאָלט געוווינט מיט איר פריינדין שאַרלאָט וואָוועל אין ווירטפיעלד סטריט, איניקע מינוט בלויז פון מיין נייער וווינונג. ווען איך האָב זי דאָרטן באַזוכט דאָס ערשטע מאָל, האָב איך ביידע פרויען געטראָפן אין אַ שמאָלן, אַביסל פינצטערן צימער, וועלכעס איז געווען זייער דירה. לואיזע איז דעמאָלט אַלט געווען בערך 66 יאָר. אירע האָר זיינען געווען גרוי און מ'האָט געקאָנט דערקענען פון דער שוין אַביסל אויסגעבויגענער פיגור פון דער שוואַכלעכער פרוי, אַז די יאָרן הויערן שוין שווער אויף איר. גייסטיק איז זי אָבער געווען דערשטוינלעך פריש און איר אומגעצוימטע לעבנסקראַפט האָט זי, נישט געקוקט אויף די אָפּטע קראַנקייטן, קיינמאָל נישט פאַרלאָזט ביז צו איר טויט.

דידאָזיקע אויסערגעוויינלעכע פרוי, וועמעס בילד איז אין דער רעאַקציאָנערער פרעסע אַזוי אָפּט פאַרמיאוסט געוואָרן, אַז ס'איז געווען אוממעגלעך זי צו דערקענען און וועלכע איז אין דער גאַנצער וועלט פאַרשריגן געוואָרן ווי פעטראָלעוזע, דידאָזיקע פרוי איז אינדעראמתן געווען אַ מענטש מיט אַזאַ אומבאַשרייבלעכער נשמה־האַרציקייט און מיט אַזאַ געדאַנקען־ריינקייט, וואָס איז אייגנטימלעך נאָר גאַנץ גרויסע פערזענלעכקייטן. דאָס איז זיכער די איינשטימיקע מיינונג פון אַלע יענע, וועלכע האָבן געהאַט דאָס זעלטענע מזל צו קומען מיט איר אין נעענטערן קאָנטאַקט. איר איינגעבוירענע, בטבעדיקע אומדערשראָקנקייט, וועלכע האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום סכנה און איז שטענדיק געווען גרייט איינצושטעלן איר לעבן און איר פרייהייט פאַר איר איבערצייגונג, דאָס איז בשום אופן נישט געווען דער רעזולטאַט

פון אַ ספּעציעלער נשמה־האַרטקייט, נייערט דער נאַטירלעכער פּועל־יוצא פון אַ טיף־פאַרוואָרצלטער ליבשאַפט צום מענטשן, וועלכע האָט שטענדיק אויסגעהאַלטן דעם ניסיון אומעטום, ווו זי איז פאַר אַזאַ ניסיון געשטעלט געוואָרן.

לואיזע מישעל האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַן אַפּאָסטאַל, וועלכער איז אַזוי שטאַרק איבערצייגט אין דער גערעכטיקייט פון זיין אידעאַל, אַז ער קאָן נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק צו מאַכן דעם אומרעכט אפילו די קלענסטע קאָנצעסיע. ווען זי איז אין דעצעמבער פון יאָר 1871 געשטעלט געוואָרן פאַרן בלוטגעריכט אין ווערסאַיל, האָט זי מיט אומצעטרייסלבאַרער פעסטקייט געשלײדערט די ריכטער אין פּנים אַריין אָט־די ווערטער: „היות ס׳ווייזט־אויס, אַז יעדעס האַרץ, וועלכעס קלאַפּט פאַר דער פרייהייט, האָט בלויז דאָס רעכט אויף אַ שטיקל בליי, פאַרלאַנג איך דעריבער אויך מיין טייל. ווען איר וועט מיך לאָזן לעבן, וועל איך קיינמאָל נישט אויפהערן צו שרייען און פאָדערן נקמה און די פּחדנישע מערדער פון מיינע ברידער אַרויסשטעלן צו עפנטלעכער שאַנד!״

זי האָט דעמדאָזיקן צוזאָג מקיים געווען ווי קיין שום אַנדערער מענטש האָט דאָס נישט געטאָן. ווען זי האָט זיך, נאָך אַ צעניעריקן אויפהאַלט אין די שטראָפקאָלאָניעס פון נייקאַלעדאָניע, באַנייס אומגעקערט קיין פראַנקרייך, אויפן סמך פון דער אַלגעמיינער אַמנעסטיע, האָט זי זיך מיטן גאַנצן ברען אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. איצט איז זי געווען אַן אַנאַרכיסטקע, ווייל אין משך פון די לאַנגע יאָרן אין דער געפאַנגענשאַפט האָט זי געהאַט געגוג געלעגנהייטן נאָכצוטראַכטן וועגן די אומפאַרמיידלעכע קאָנסעקווענצן פון יאָגעניש נאָך פּאָלי־טישער מאַכט.

— איך האָב איינגעזען, — האָט זי דערקלערט — אַז יעדער מין מאַכט, נישט קיין חילוק וואָס פאַרא כאַראַקטער זי האָט, מוז זיך פאַרוואַנדלען אין אַ קללה. דע־ריבער שטעל איך זיך אַרויס ווי אַן אָנהענגערן פונעם אַנאַרכיזם.

ווען ס׳איז אין יאָר 1853 אויף דער ספּלענאַדע דעס אינוואַלידעס פאָרגעקומען די באַקאַנטע הונגער־דעמאָנסטראַציע, בעת וועלכער אייניקע בעקערייען פון די שכנותדיקע גאַסן זיינען פון די אַרבעטסלאָזע אויסגעליידיקט געוואָרן, איז לואיזע, צוזאַמען מיט פּוזשען, געווען צווישן די אָרגאַניזאַטאָרס. און הגם די אויסליידיקונג פון די בעקערייען האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער אייגנטלעכער מאַ־ניפעסטאַציע און זי איז דורכגעפירט געוואָרן פון מענטשן, וועלכע די פּאָליציי האָט נישט דערלאָזט צוקומען צו דער ספּלענאַדע און במילא האָבן זיי זיך פונאַנדערגע־שפּרייט אין די אַרומליגנדיקע גאַסן, ווו ס׳זיינען פאָרגעקומען די פּלינדערייען, פונדעסטוועגן איז פּוזשע פאַרמישפּט געוואָרן צו אַכט און לואיזע צו זעקס יאָר גע־פענגעניש, וואָס זיי האָבן בעיקר געהאַט צו פאַרדאַנקען זייער מוטיק אויפטרעטן און האַלטן זיך אין געריכט. בשעת לואיזע איז געזעסן אין תּפיסה, איז געשטאָרבן איר אַלטע מוטער, וועמען זי איז געווען איבערגעגעבן מיט צערטלעכער ליבשאַפט. די אַלטע פרוי האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם נייעם קלאַפּ פונעם גורל און זי איז אין צווייטן יאָר פון איר טאָכטערס געפאַנגענשאַפט אַוועק פון דער וועלט.

לואיזע האָט פאַרלאָזט די תפיסה אומגעענדערט און אומגעבראָכן און זי האָט מיט אַ רואיקער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט ווייטער אָנגעפירט איר טעטיקייט, וועלכע האָט דורך קיין שום זאַך נישט געקאָנט צעטרייסלט ווערן. ווען זי האָט אין יאַנואַר 1888 געלעבט אויף אַ גרויסער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין האַוור, האָט אַן אומגליקלעכער, פון אַ גלח אָנגערייצטער פאַנאַטיקער, אויסגעשאָסן אויף איר אייניקע קוילן און איר גורם געווען צוויי געפערלעכע ווונדן אין האַלדז און הינטערן אויער. אויך דאָ האָט זיך לואיזע אַרויסגעוויזן אין איר גאַנצער נשמהדיקער גרויסקייט דערמיט, וואָס זי האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, בכדי דעם אָרעמען טייוול, וועלכער האָט זי געוואָלט הרגענען, אַרויסצורייסן פון די הענט פונעם געזעץ.

ווי נאָר זי איז גענעזן געוואָרן, האָט זיך לואיזע תיכף פונדאָסניי פאַרנומען אויפן וועג פון מילחמה. האָבן די אויטאָריטעטן, וועלכע האָבן נאָך פון פריער פאַרשטאַנען, אַז מ׳קאָן דערדאָזיקער העלדישער און אומאיבערקויפבאַרער פרוי נישט פאַרמאַכן דאָס מויל און זי נישט אַראָפּפירן פון איר וועג און זיי האָבן, אגב, מורא געהאַט פאַר איר אויסערגעוויינלעכער באַליבטקייט צווישן פאָלק, צוגעטראַכט דעם כיטרען פּלאַן זי צו פאַרשפאַרן אין אַ משוגעים־הויז, ביכדי זי אַזוי אַרום צו מאַכן אומשעדלעך. עס זיינען שוין געווען צוגעגרייט אַלע פּרטים פאַר דער דורכפירונג פון אָט־דעם שענדלעכן פּלאַן, ווען אַ העכערער באַאַמטער מיטן נאָמען ראָזשער, וועמעס געוויסן ס׳איז נאָך, ווייזט־אויס, נישט געווען אינגאַנצן פאַרטעמפּט, האָט לואיזען געלאָזט וויסן באַצייטנס, וואָס מ׳האָט פאַר איר צוגעגרייט און זי געוואָרנט. אַזוי אַרום האָט זי נאָך געהאַט צייט צו אַנטלויפן קיין ענגלאַנד. דאָס איז געווען די אומ־מיטלבאַרע סיבה, פאַרוואָס זי האָט במשך פון פיל יאָרן געמוזט לעבן אין גלות, ביז זי האָט לסוף געקאָנט זיך אומקערן קיין פראַנקרייך.

ווען איך האָב זיך באַקענט מיט לואיזען, האָט זי געלעבט אין זייער דחקותדיקע פאַרהעלטענישן, אַזוי ווי זי האָט אייגנטלעך געלעבט במשך פון איר גאַנצן לעבן. פונדעסטוועגן איז זי שטענדיק געווען גרייט פונאַנדערצוטיילן דאָס ביסל, וואָס זי האָט געהאַט, צווישן אַנדערע, ווענן וועמען זי האָט זיך משער געווען, אַז זיי זיינען נאָך אָרעמער ווי זי. זי איז שטענדיק געווען אָנגעטון אינעם זעלבן שוואַרצן שטאַרק־אָפּגעטראָגענעם קלייד און געטראָגן דאָסזעלביקע, שוין אַביסל דעפאָרמירטע היטעלע. אָבער זי איז בטבע געווען זייער באַשיידן, אַז זי האָט זיך געקאָנט צופרידנשטעלן מיט יעדער לאַגע. פריינט האָבן איר פון צייט צו צייט געשיקט נייע מלבושים, אָבער זי פלעגט זיי על־פי־רוב צעשענקען צווישן אַנדערע און פאַר זיך פלעגט זי באַהאַלטן נאָר דאָס, וואָס איז פאַר איר געווען אומבאַדינגט נייטיק. אַ נאָענטער פראַנצויזישער חבר האָט איר אַמאָל צוגעשיקט במתנה אַ שיינעם מאַנטל, וועלכן ער האָט געמאַכט ספּעציעל פאַר איר, ווייל דער מאַנטל, וועלכן זי האָט געטראָגן, איז שוין געווען אַזוי דין, אויסגעריבן און אָפּגעטראָגן, אַז ער האָט זי קוים געקאָנט באַשיצן קעגן דעם נאַסן און קאַלטן לאָנדאָנער ווינטער. במשך פון אייניקע וואָכן האָבן מיר געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו קאָנען באַוונדערן לואיזען אין איר נייעם שיינעם מאַנטל. אָבער מיטאַמאָל האָט זי זיך ווידער אָנגעהויבן באַווייזן אין איר אַלטן מלבוש. ווי ס׳האָט

זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז זי אין אַ געוויסן אָוונט, אויפן וועג צו איר היים, אָפּגעשטעלט געוואָרן פון אַן אַלטער אָפּגעריסענער בעטלערן, וועלכע האָט ביי איר געבעטן אַ נדבה. נו, האָט זי איר אַוועקגעגעבן דעם שיינעם, וואַרעמען מאַנטל, וועלכן דער חבר דופּרא האָט פאַר איר געמאַכט, און זי אַליין האָט זיך ווידער איינגעוויקלט אין איר אַלטן מלבוש, וועלכן זי האָט געהאַט באַהאַלטן. זי האָט זיך נאָר דעמאָלט געפילט גליקלעך, ווען זי האָט געקאָנט עפּעס אַוועקשענקען.

דאָס איז געווען לואיזע מישעל, וועלכע מ׳פלעגט אין די פּאַריזער פאָרשטעטלעך אָנרופן בלויז לאַ באָנע לואיזע, ווייל איר קרבנות־גרייטקייט און איר נאַטירלעכע נשמהדיק־האַרציקע גוטסקייט זיינען שוין פון לאַנג געוואָרן שפּריכוואָרטלעך. וואָלט זי געווען געלעבט מיט אייניקע יאָרהונדערטער צוריק, וואָלט מען זי אפשר געווען פאַרערט ווי אַ הייליקע, ווייל אין דער גרויסער נשמה פון אָט־דער זעלטענער פרוי האָט געלעבט דער לויטערער פלאַם פון אַן אומצעטרייסלבאַרער אמונה, וועלכע קאָן איבערוואַרפן בערג און וועלכע מ׳קאָן באַנעמען בלויז מיטן געפיל, אָבער זי לאָזט זיך נישט באַשרייבן דורך ווערטער. מיר וואָלט זיך אפילו נישט געוואָלט זי באַצייכענען ווי אַן אידעאַליסטקע, וואָרן דאָסדאָזיקע וואָרט איז שוין אַזוי שטאַרק אָפּגענוצט, אַז ס׳קאָן נישט אָנגעווענדט ווערן פאַר לואיזען. לואיזע האָט זיך שטענדיק אויפגעפירט לויטן אינעווייניקסטן אָנרעג פונעם געפיל אירן, ווייל אַנדערש האָט זי נישט געקאָנט; און ווען אפילו זי איז געווען איינע פון די גייסטפּולסטע פרויען פון איר צייט, איז אָבער איר גרויס האַרץ שטענדיק געווען דער קאָמפּאַס פון איר לעבן. זי איז אָפט אויסגענוצט געוואָרן פון צבועקעס און אומווירדיקע, אָבער אויך דאָס האָט נישט געקאָנט זיין אַנדערש, מחמת ס׳איז געווען אַ טייל פון איר כאַראַקטער און אפילו די ביטערסטע דערפאַרונגען האָבן נישט געקאָנט פאַרטונקלען איר טיפע אמונה אין דער מענטשהייט.

ס׳איז פאַר מיר תמיד געווען אַ גאַר באַזונדערע פרייד, ווען איך האָב געקאָנט רעדן מיט איר וועגן אירע איבערלעבענישן אין נייקאַלעדאָניע, ווו זי איז פאַר דער צייט פון איר צעניעריקער פאַרשיקונג געווען טעטיק ווי אַ לערערן צווישן דער דאָרטיקער איינגעבוירענער באַפעלקערונג, וועלכע איז איר געווען איבערגעגעבן מיט דערזעלביקער אַכפּערונג ווי אַלע, וועלכע זיינען מיט איר געקומען אין באַרירונג. ווען זי האָט זיך לסוף, נאָך דער אַמנעסטיע פאַר די קאָמונאַרן, ווידער געקאָנט אומקערן אַהיים, האָבן זי אַ סך הונדערטער פון אירע דאָרטיקע, איינגעבוירענע, פריינט באַגלייט צום האַפן און וויינענדיק זיך געזעגנט מיט איר. און זיי האָבן געהאַט אַ מאָטיוו פאַר דעם, ווייל אַזאַ פאַרטרעטערן פון דער ווייסער ראַסע האָבן זיי ביז דעמאָלט נישט געהאַט אָנגעטראָפן און אויך שפּעטער האָבן זיי אַזעלכע קיינמאָל נישט באַגעגנט. ווען לואיזע האָט גערעדט וועגן די קאַנאַקן פון נייקאַלעדאָניע, האָבן אירע ברוינע גוטע אויגן געשטראַלט ווי פאַרחלומטע. זי האָט געהאַט בלויז לויב־ווערטער פאַר זיי און געריסט די פּשטות פון זייערע מינהגים, זייער נאַטירלעכע אינטעליגענץ, פלינקייט און געניטקייט און זייער באַשיימפּערלעך מיטגעפיל פאַר די יסורים פון אַנדערע. זי האָט אָבער אויך נישט געלייקנט, אַז דורך דער אַזויגערו־

פענער ווייסער ציוויליזאַציע ווערן דידאַקטיש נאַטירלעכע אייגנשאַפטן אונטערגע־גראָבן און אַז ס׳זיינען פאַרזעצט געוואָרן די וואָרצלען פון דעגענעראַציע אין די הערצער פון יענע פשוטע מענטשלעכע באַשעפענישן.

לואיזע האָט געהאַט אַ גאַנצע קאָלעקציע פון קליינע חפצים פון דער צייט פון איר אויפהאַלט אין נייקאַלעדאָניע, פון וועלכע זי האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגע־שיידט. צווישן זיי האָבן אויך פיגורירט אייניקע קאָלעקטיווע בילדער פון איר שול און אַ געוויסע צאָל קליינע באַזונדערע פאָטאָגראַפיעס פון אירע טונקל־הויטיקע פראָ־טעזשירטע קינדערלעך, וועלכע האָבן זי אַרומגענומען מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און זי איינגעשלאָסן אין זייער האַרץ. וועגן יעדן באַזונדער האָט זי געהאַט עפּעס־וואָס צו דערציילן און אירע טונקעלע אויגן האָבן געלויכטן מיט שטילער פרייד, ווען די אַלטע זיכרונות זיינען שטיל אַרויפגעקומען אין איר נשמה. אגב איז מער ווי איינע פון אירע געשיכטעס פאַרבליבן טיף אין מיין זיכרון. זי האָט מיר געוויזן דאָס בילד פון אַ שוואַרץ־קראַנק מיידעלע, וועלכעס זי האָט געטריי אָפּגעהיט ביז צו איר טויט. דאָס קליינינקע מיידעלע האָט אין דער צייט פון איר קראַנקייט געהאַט אָנגעהויבן אַ קליינע חנעוודיקע אַרבעט, וועלכע זי האָט דערנאָך געוואָלט שענקען לואיזען. מיט אייניקע טעג פאַר איר טויט, וועלכן דאָס קינד האָט קאָנטיק פאַרויס־געפילט, האָט עס פלוצים אָנגעהויבן ביטער צו יאָמערן. ווען לואיזע האָט צו איר גערעדט צערטלעכע טרייסטווערטער און זי געפרעגט, פאַרוואָס זי וויינט, האָט די קליינינקע שלוכצנדיק געזאָגט: „ווייל איך קאָן נישט פאַרענדיקן די שיינע קאָלדרע און מיין שוועסטערל איז נאָך צו קליין זי צו פאַרענדיקן".

לואיזע מישעל האָט אויך עפּעס געשריבן. חוץ אירע „זיכרונות", פון וועלכע ס׳איז צום באַדויערן דערשינען בלויז דער ערשטער באַנד, און אַ בוך וועגן דער קאָמונע, האָט זי אויך אָנגעשריבן אַ גאַנצע רייע ראָמאַנען און דראַמעס. דער רוב פון זיי האָט זי געדרוקט אין פאָרזעצונגען אין צייטונגען; אייניקע פון זיי זיינען שפּע־טער אויך אַרויס אין בוכפאָרעם, אַזעלכע ווי „לע מיקראָבע הימען", „לע מאָנדע נוואָוואָ", „לאַ מיזערע", „נאַדינע", „לעזשאַנדע קאַנאַקע" און אנדערע.

וואָלט זיך לואיזע אינגאַנצן געווען אָפּגעגעבן מיט דער בעלעטריסטיק, וואָלט מיסתמא אַרויסגעקומען פון איר אַ באַדייטנדיקע שריפטשטעלערין, מחמת זי האָט גע־האַט אַ סך נייגונגען דערצו: אַ רייכע אימאַזשינאַציע, פעיקייט צוצוטראַכטן, דיכטע־רישע וויזיע, געפיל פאַר שפּראַך און פריער ווי אַלץ יענע טיפפילנדיקע לעכצעניש, אָן וועלכער ס׳איז נישט מעגלעך קיין אמתדיק קונסטווערק. אָבער פאַר דערדאָזיקער אייביקער קעמפערן איז אויך די ליטעראַטור געווען בלויז אַ מיטל פאַרן צוועק, און נישט פאַר איר איז אָנגעשריבן געוואָרן דער זאָג „ל׳אַרט פור ל׳אַרט". אירע ראָמאַ־נען און דראַמען, פון וועלכע „נאַדינע" האָט, אגב, געהאַט אַ נישקשהדיקע הצלחה אויף דער בינע, האָבן איר געזאָלט דינען בפירוש פאַרן צוועק אַרויסצושטעלן דאָס גרויסע אומרעכט און דעם געעזלשאַפטלעכן כאַאָס פון דער צייט און אָנצורעגן צום קאַמף. און פונדעסטוועגן זיינען אויך אין אָט־דידאָזיקע ווערק פאַראַן קרעפטיקע בילדער, וועלכע ס׳האָט געקאָנט האָבן געשריבן אַ זשאָרזש סאַנד. אויך אייניקע פון

אירע לידער זיינען רייצנדיק־שיין אין זייער פֿאָרעם, אַזעלכע למשל ווי „לאַ פרעגאַט“, אין וועלכן זי האָט געפּילמעסיק פאָרויסגעזען איר שפּעטערדיקן גורל.

דער סקולפּטאָר ע. דעררע האָט איר נאָך איר טויט אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט, וועלכער ברענגט־אַרויס צום אויסדרוק אין זיין איינפאַכער פשטות דעם עצם מהות פון אָט־דער באמת גרויסער פרוי. אויף אַ נידעריקן פּיעדעסטאַל, וועלכער הייבט זיך אַרויס פון דער ערד, איז אַוועקגעשטעלט די אַביסל אויסגעבויגענע פיגור פון דער מוטער לואיזע אין לאַנגן קלייד, מיט אַ פּנים, וועלכעס איז גייסטיק דורכגענומען מיט מוטערלעכער צערטלעכקייט. נעבן איר, גאַנץ נאָענט, אַ קליין מיידעלע, וועלכעס קוקט פול מיט ליבשאַפט אַרויף צו איר. אויפן פּיעדעסטאַל — אַ קליין הינטל און אייניקע פייגל ווי אַ סימבאָל פון איר שטאַרקער פריינטשאַפט פאַר חיות. צו דעם די ווערטער: „לואיזע מישעל (1905—1836). פיט לאַ באָנטע נעמע, נע קאָנניט קע לאַ מיזערע ע לאַ פּריזאָן“. (זי איז געווען די גוטסקייט גופא און געקענט האָט זי נאָר דעם עלנט און די תפיסה). דידאַזיקע זעלטענע פרוי, וועלכע האָט אַליין קיינמאָל נישט געוווסט פון די פריידן פון מוטערשאַפט, האָט געהאַט אַ טיפע מוטערלעכע נשמה, וועלכע האָט אַרומגענומען מיט דער זעלביקער צערט־לעכקייט יענע אַלע, וועלכע זיינען געווען באַליגט מיט דער לאַסט פונעם אומגליק און דער קללה פון דער נויט.

איך האָב לואיזען געזען דאָס לעצטע מאָל ביי אַן אָנדענק־פייערונג פון דער פּאַ־ריזער קאָמונע אינעם קלוב פון די יידישע אַנאַרכיסטן אין דער מיזרח־טייל פון לאָנדאָן. דאָס איז געווען אין מערץ 1904. זי האָט זיך דעמאָלט האַרציק געזעגנט מיט אונדז אַלעמען און זיך באַלד דערנאָך ווידער אומגעקערט קיין פראַנקרייך, וווּ זי איז געשטאָרבן אין אַ קליינער אכסניא אין מאַרסעי, בעת זי האָט געמאַכט אַ רע־פעראַטן־טור.

צווישן די פראַנצויזישע פּליטים, וועלכע האָבן דעמאָלט געוווינט אין לאָנדאָן, זיינען געווען אַ סך באַקאַנטע חברים, מיט וועלכע איך האָב זיך געקענט נאָך ווען איך בין געווען אין פּאַריז. אייניקע פון זיי זיינען געווען פאַרוויקלט אינעם באַרימטן פּראָצעס פון די דרייסיק, אָבער זיי האָבן זיך באַצייטנס געקאָנט אַרויסראַטעווען קיין לאָנדאָן. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען עמיל פּוזשע, דער געוועזענער רעדאַקטאָר פונעם „פּער פּענאַר“ אין פּאַריז; ער האָט אין יענער צייט אַרויסגעגעבן אין לאָנדאָן אונטערן זעלביקן נאָמען אַ צאָל ביכלעך, וועלכע האָבן לייכט געקאָנט אַריינגעלייגט ווערן אין אַ קאָנווערט און אָפּגעשיקט ווערן קיין פראַנקרייך. פּוזשע איז אָן ספק געווען איינער פון די קלאָרסטע קעפּ פון דער פראַנצויזישער באַוועגונג, וועלכער האָט זיך שוין דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק וועגן באַאיינפלוסן די פראַנצוי־זישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג מיטן אַנאַרכיסטישן געדאַנקענגאַנג, ווי דאָס האָבן שוין געהאַט געטאָן אַנדערע פאַר אים. ווען ער האָט זיך אין יאָר 1906 אומגעקערט קיין פראַנקרייך, האָט ער זיך אַלץ מער קאָנצענטרירט אויף אָט־דער אַרבעט און

ער איז געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן אין דער באַוועגונג פונעם רעוואָלוציאָנערן סינדיקאַליזם און דאָרט געהאַט דעם גרעסטן איינפלוס.

אויך אַ. האַמאָן, איינער פון די בעסטע ליטעראַרישע פאַרטרעטער פון פריי־הייטלעכן סאָציאַליזם פון יענער צייט, האָט זיך דעמאָלט אויפגעהאַלטן אין לאָנדאָן. ער איז געווען דער מחבר פון אַ גרויסער צאָל סאָציאָלאָגישע ווערק, פון וועלכע ס'איז שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן זיין בוך „פּסיקאָלאָזשי די מיליטער פּראָפעסיאָנעל", און דאָס קליינע ביכעלע „לעז האָמע ע לעז טעאָרי דע ל'אַנאַרשי". זיינע באַקאַנטע יאָרביכער „לאַ פראַנס סאָסיאַלע ע פּאָליטיקע", וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט זש. באַשאַ, אַנטהאַלטן פאַרן פאָרשער אַן אמתן אוצר פון אויסגעצייכנט־אָפּגעקליבענעם מאַטעריאַל וועגן די געזעלשאַפטלעכע צושטאַנדן אין פראַנקרייך אין דער ערשטער העלפט פון די 90ער יאָרן.

אויך שאַרל מאַלאַטאָ, איינער פון די רירעוודיקסטע אַלטע חברים אין פראַנקרייך און מחבר פון אַ סך שריפטן, וועלכער האָט אויך שטענדיק אָנגעהאַלטן ענגערע באַציאונגען מיט דער שפּאַנישער באַוועגונג, האָט דעמאָלט געלעבט אין לאָנדאָן. אַזוי אויך קאָנסטאַנט מאַרטין, זשאַק פּראָלאָ, ע. גערריגאָ, זש. דאַריען, דער מחבר פונעם באַקאַנטן בוך „ביריבי", אין וועלכן ס'איז אַזוי איינדרוקספול באַשריבן געוואָרן דער פחדימדיקער צושטאַנד אין די מיליטערישע שטראָפקאָלאָניעס אין אַפריקע, און נאָך אַנדערע. דער רוב פון זיי האָט זיך צוריק אומגעקערט קיין פראַנקרייך נאָך קאַסימיר פּעריעס מפּלה און נאָכן פאַלן פון דיפּיס רעגירונג. דאָס אויסלעבן זיך אין אָט־דעם קרייז האָט מיך שטאַרק סטימולירט, ווייל דער רוב פון די דערמאָנטע פּערזאָנען איז געווען ערנסטע און אויסגעפּרוּווטע חברים, פון וועלכע מ'האָט געקאָנט עפּעס לערנען. זיי האָבן דורכגעמאַכט אַ גאַנץ אַנדערע אַנטוויקלונג ווי די עלטערע דייטשע חברים אין לאָנדאָן, וועלכע זיינען אַלע דורכגעגאַנגען דורך דער מאַרקסיסטישער שול, און אויך ווי אַנאַרכיסטן האָבן זיי זייער זעלטן געקאָנט פאַרלייקענען זייער פאַרגאַנגענהייט. די פראַנצויזישע חברים, וועלכע זיינען נישט געווען באַלייגט מיט אַזאַ באַלאַסט, האָבן געהאַט אַ גרעסערע גייסטיקע באַוועגלעכקייט און מער חוש פאַר דער ווירקלעכקייט. דעריבער האָבן זיך צו זיי וויניקער געקלעפּט די ריין־דאָקטרינערע אינטערפּרעטאַציעס און די פוסטע האָרשפּאַלטנדיקע פּילפּולים און חקירות און זיי זיינען שטענדיק געווען גענייגט צו נעמען אין באַטראַכט נייע שטאַנדפּונקטן, וועלכע זיינען אַרויסגעקומען פונעם לעבן גופא און וועלכע מ'האָט נישט געטאָרט איגנאָרירן, אויב מ'האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלירן אין פוסטע אַבסטראַקציעס.

פונדעסטוועגן איז נעבן יענעם לייטזעליקן קרייז פון פראַנצויזישע חברים אין לאָנדאָן געווען נאָך אַן אַנדערע גרופּע, צו וועלכער ס'האָבן אויך אָנגעהערט אייניקע איטאַליענער און שפּאַניער, און וועלכע האָבן זיך געפונען אין קריגסצושטאַנד מיט אַלע באַקאַנטע חברים פון דער פראַנצויזישער באַוועגונג. זיי האָבן זיך אָנגערופן „אינדיווידואַליסטן", אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער אידעאָלאָגיע פונעם אַזויגערופענעם אינדיווידואַליסטישן אַנאַרכיזם. דאָס וואָרט האָט זיי גיכער גע־

דאַרפט דינען פאַרן צוועק צו פאַרוואַנדלען אין אַן אמתער קאַריקאַטור אַלע פרייהייטלעכע שטרעבונגען און זיך אַרויסצושטעלן פאַר זאַכן, קעגן וועלכע ס׳האָט זיך געבונטעוועט יעדעס מענטשלעכע געפיל. געווען צווישן זיי, אָן ספק, אייניקע ערלעכע פאַנאַטיקער, ביי וועמען די כסדרדיקע און אַלץ שטאַרקער־ווערנדיקע רדיפות אויפן אייראָפעישן קאָנטינענט האָט לגמרי צעטומלט זייער שכל־הישר. אַזוי אַז זיי זיינען שוין מער נישט געווען מסוגל אָפצושאַצן דעם פאַרנעם פון זייערע מעשים. געווען אָבער אויך אין אָט־דעם קרייז פון עקסטראַוואַגאַנטע צייט־חברים אייניקע צוויפלהאַפטע געשטאַלטן, וועלכע מ׳האָט צום בעסטן אויסגעמיטן.

די דאָזיקע ווילדע חברה האָט זיך בעיקר צונויפגעטראָפן ביים שוסטער רענאָ, וועלכער האָט אין דער ליטל גודזש סטריט געהאַט אַ קליינעם ווערקשטאַט צו פאַרריכטן שיך, ווו מ׳האָט שטענדיק געקאָנט טרעפן אייניקע פון אָט־די אַזויגערופענע „אינדיווידואַליסטן“. מיט רענאָ בין איך געווען באַקאַנט נאָך פון פאַריז. ער איז געווען אַ שטאַרק־געבויטער מענטש און איז אַלט געווען בערך פון 58 ביז 60 יאָר. ווען איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט אין פאַריז איז ער געווען אַ רואיקער און מיושבדיקער מענטש מיט אַ געזונטן הומאָר און לאָגישן שכל; אָבער ווען דער צופאַל האָט מיך אין לאָנדאָן ווידער צונויפגעפירט מיט אים, האָב איך אים קוים געקאָנט דערקענען. ער איז געווען שרעקלעך פאַרביטערט, האָט געזידלט יעדן איינעם און איז געווען באַזונדערס אויפגעטראָגן קעגן דעם פויפסטום אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, ווי ער האָט עס אָנגערופן. אַזוי ווי איך האָב געוווינט אין זיין נאָענטער שכינות, פלעג איך אים לכתחילה באַזוכן גאַנץ אָפט און איך האָב, אַזוי אַרום, אויך געהאַט די געלעגנהייט זיך נענטער צו באַקענען מיט אייניקע פון זיינע נייע פריינט. אָפט פלעגן זיי שעהנלאַנג פלוידערן און געלעסטערט אַלץ, וואָס האָט זיך נישט אַריינגעפאַסט אין זייער קרעמל. ווען מ׳האָט זיי געהערט רעדן, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז זיי טראָגן זיך אַרום מיט די פחדימדיקסטע פלענער, מחמת זייער אויפפיר איז שטענדיק געווען אַזאַ סודותפולער, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען די נשמה פון א איבער דער גאַנצער וועלט אויסגעשפרייטער קאָנספיראַציע־געזעלשאַפט, וועלכע איז גרייט דורס צו זיין מיט איין קלאַפ די פאַרשאָלטענע בירגערלעכע אָרדענונג. אַרום און אַרום איז זייער גאַנצע טועניש באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן אַלע דריי אָדער פיר וואָכן אַרויסגעגעבן עפעס אַ גראָטעסק בלעטל מיט דער ספעציעלער כוונה צו באַשמוצן אַזעלכע באַקאַנטע רעוואָלוציאָנערן ווי גראַוו, סיפריאַני, מאַלאַטאָ, פוזשע און אַנדערע, און געטאָן האָבן זיי עס אויף אַזאַ אופן, וואָס ס׳איז נישט לייכט צו שילדערן.

ווען סעבאַסטיאַן פאָר איז אין הערבסט פונעם יאָר 1894 געקומען קיין לאָנדאָן, ביכדי צו געבן צוויי רעפעראַטן, האָט די דאָזיקע נאָבעלע געזעלשאַפט, וועלכע פלעגט אירע ליטעראַרישע נשמה־אויסגוסן תמיד אונטערשרייבן מיט „ל׳אַנאָנימאַט“, אַרויסגעלאָזט אַ לעסטערנדיק בלעטל אונטערן טיטל „סעבאַסטיאַן פאָר אַ לאָנדרעס“, וועלכעס האָט מיסתמא נישט געקאָנט איבערטראָפן ווערן לויט זיין נידערטרעכטיקייט און רכילות. דאָס איז געווען גענוג פאַר מיר. כ׳האָב לסוף פאַרשטאַנען, אַז מיט מענטשן פון דעם סאָרט קאָן מען אַפילו מיט די בעסטע שכלדיקע אַרגומענטן צו גאָרנישט

דערגייז. און אַזוי ווי איך האָב רענאַן אַמאָל געקענט אויך פון אַן אַנדערער זייט, האָב איך זיך געהאַט איינגערעדט, אַז מיר וועט זיין מעגלעך אים צו מאַכן פאַרשטיין זאַכן פון אַן אַנדער קוקווינקל. איך האָב אָבער לסוף געמוזט צוגעבן, אַז ס׳איז אומזיסט פאַרלוירענע מי און איך האָב מיט אים איבערגעריסן די באַציונגען.

אין גרעפטאַן האָל האָב איך זיך אויך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט ערריקאָ מאַלאַטעסטאַ, מיט וועמען איך האָב שפּעטער געאַרבעט במשך פון אַ סך יאָרן אינעם „אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ פון דעם אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל“ און מיט וועמען איך בין ביז צו זיין טויט געווען ענג פאַרבונדן. נאָך זייענדיק אין דייטשלאַנד און בעיקר שפּעטער אין פּאַריז האָב איך שוין געהאַט געהערט עפּעס וועגן דעמדאָזיקן זעלטענעם מענטשן און וועגן זיין לעבן, וואָס איז געווען אַזוי רייך אין אויסערגעוויינ־לעכע פּאַסירונגען. איך ווייס נישט פון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען, אָבער איך האָב זיך שטענדיק פאָרגעשטעלט, אַז דאָס דאַרף זיין אַ מענטש מיט אַ ריזיק־גרויסן קערפּער, אַזאַ ווי באַקונין, למשל. דערפאַר איז געווען אַזוי גרויס מיין איבערראַשונג, ווען איך האָב געהאַט פאַר זיך אַ קליינעם, אַ מאָגערלעכן מענטשן, וועמענס פיזישער אויסזען איז געווען שטאַרק אַנדערשדיק פון דעם, וואָס איך האָב זיך געהאַט פאָרגעשטעלט. אָבער, ווען אפילו מאַלאַטעסטאַ איז נישט געווען דער ריז, וועלכן מיין פאַרשטעלונגס־קראַפט האָט פאַר מיר געהאַט אויסגעשפּונען, האָט אָבער דערפאַר זיין פיין אויסדרוקס־פול פּנים מיט די פיינע שטריכן געמאַכט אַ פיל טיפערן איינדרוק אויף מיר. דער פּרעכטיקער קאָפּ מיט די געדיכטע שוואַרצע האָר און די קלוגע פינקלדיקע אויגן, פון וועלכע ס׳האָט אַרויסגעשטראַלט אַזוי פיל נשמהדיקע גוטסקייט און אומגעצאַמטע ווילנקרעפטיקייט, האָט אים געמאַכט אומפאַרגעסלעך פאַר יעדן איינעם, ווער ס׳האָט אים איין מאָל געזען. דאָס בלאַסע פּנים, וועמענס מענלעכער אויסדרוק איז נאָך בולטער געוואָרן דורך דער קורצער געדיכטער באָרד, האָט אָנגעוויזן אויף אַ רואיקער אנט־שלאָסנקייט און אויף אַ רייך אינערלעך גייסטיק לעבן. מ׳האָט געפילט אויפן ערשטן בליק די געהיימע קראַפט פון אַ גרויספאַרנעמיקער פּערזענלעכקייט, וועלכע האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרלוירן מיט זייטיקע, אומוויכטיקע פּרטים, נייערט תמיד געהאַט פאַר זיך אַ גרויס ציל.

מאַלאַטעסטאַ איז אַלט געווען 42 יאָר בערך, ווען איך האָב זיך מיט אים באַ־קענט, און ער איז געשטאַנען אין סאַמע בלי פון זיין אַקטיוו לעבן. חוץ באַקונינען איז מיסתמא נישט געווען קיינער, וועלכער זאָל געווען האָבן אַזאַ דויערנדיקן און אַנהאַלטנדיקן איינפלוס אויף דער פרייהייטלעכער באַוועגונג פון די לאַטיינישע לענ־דער און ביפרט פון שפּאַניע און איטאַליע ווי מאַלאַטעסטאַ. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1853 אין שטעטל סאַנטאַ מאַריאַ די קאַפּואַ וועטערע, נישט ווייט פון נאַפּאָלי, און נאָך אין דער פריער יוגנט זיינער איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעפּו־בליקאַנישער באַוועגונג, וועלכע האָט דעמאָלט באַקומען איר אויסדרוק אין גאַרי־באַלדיס מעכטיקער פּערזענלעכקייט און אין מאַדזיניס יונגער איטאַליע. דער לאַנגער קרבנותפולער געראַנגל פאַר איטאַליעס נאַציאָנאַלער איינהייט האָט דעם איטאַליענישן

פּאָלק נישט געברענגט די רעפּובליק, צו וועלכער יענע באַוועגונג האָט געשטרעבט, נייערט ער איז אויסגעפּאַלן לטובת אַ דינאַסטיע, ווי דאָס האָט טאַקע גאַנץ אָפֿט פּאַסירט מיט נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונגען, אַ דינאַסטיע, וועלכע האָט איצט געשניטן די פּירות, פאַר וועלכע טויזנטער מענטשן האָבן איינגעשטעלט און אַוועקגעגעבן זייער לעבן און פרייהייט. מאַדזיניס שפּרוך: „קול המון כקול שדי" — דעם פאָלקס שטים איז ווי גאָטס שטים, האָט זיך נישט אַרויסגעזאָגט פאַר דער פּאָליטישער טעאָלאָגיע, ווי באַקונין האָט אָנגערופן מאַדזיניס שטרעבונגען, נאָר פאַר דער סאַוואָיאַ־דינאַסטיע, וועלכע האָט איבערגענומען מאַדזיניס און גאַריבאַלדיס ירושה.

נאַטירלעך, אַז די איטאַליענישע יוגנט האָט זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיט דידאָזיקע רעזולטאַטן און ס'זיינען אויפגעקומען נייע שטרעבונגען, וועלכע זיינען ווייט אַרויס פון די ענגע גרענעצן פון דער נאַציאָנאַלער איינהייט. אין יאָר 1870 איז דער יונגער מאַלאַטעסטאַ, וועלכער האָט דעמאָלט שטודירט מעדיצין אין דער נעאַפּאָלער אוניווערזיטעט, אַרעסטירט געוואָרן אין שייכות מיט אַ סטודענטישער מאַניפעסטאַציע, און ער איז באַזייטיקט געוואָרן פון די ווייטערדיקע לימודים. דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן די אייגנטלעכע רעוואָלוציאָנערע קאַריערע פונעם אומדערמידלעכן בונטאַר, אַ קאַריערע, צו וועלכער ער איז געבליבן געטריי ביז צו זיין טויט.

דער אויפשטאַנד פון דער פּאַריזער קאָמונע האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן איינדרוק אויף דער יונגער באַוועגונג. די פעדעראַליסטישע שטרעבונגען פון דער קאָמונע האָבן געפונען אַ לעבהאַפטיקן אָפּקלאַנג באַזונדערס אין איטאַליע און אין שפּאַניע. אין שפּאַניע האָט דער פעדעראַליזם געפונען אַן אינטעליגענטן און איבערצייגטן פאַרטרעטער אין דער פּערזאָן פון פּי אי מאַרגאַל. אין איטאַליע איז עס געווען קאַרלאָ פּיסאַקאַנע, מאַדזיניס קעגנער און אויך אַ גרויסער קעגנער פונעם פּאָליטישן צענטראַליזם, וועלכער איז געפאַלן מיטן געווער אין דער האַנט אין יאָר 1859 נעבן סאַפּרי, בעת ער האָט זיך אַקטיוו אַרויסגעשטעלט פאַר די פעדעראַליסטישע טראַדיציעס פונעם לאַנד. ווען מאַדזיני האָט נישט געהאַט קיין אָפּהאַלט צו באַשמוצן די פּאַריזער קאָמונע אויף אַן אומדערהערטן אופן, און דווקא אין אַ צייט, ווען 36.000 מענער, פרויען און קינדער זיינען פון זייערע זיגערישע שונאים קאַלטבלוטיק אויסגעשאָכטן געוואָרן ממש אויף אַ באַרבאַרישן אופן, דעמאָלט איז דער ריס צווישן אים און דעם בעסטן טייל פון דער איטאַליענישער יוגנט געוואָרן אומפאַרמיידלעך. באַקונין, וועלכער האָט זיך נאָך זיין אַנטלויפן פון סיביר, באַזעצט אין איטאַליע, האָט געהאַט אַן אומאָפּפרעגבאַרן איינפלוס אויף אָט־דער אַנטוויקלונג. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט מיט הצלחה געפּרוווט אַרויסצורייסן דעם בעסערן טייל פון דער יוגנט פון מאַדזיניס איינפלוס און זי צו געווינען פאַר די אידעאַלן פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אין אָט־דעם קרייז איז מיט אייניקע יאָר שפּעטער אַריינגעפאַלן דער יונגער מאַלאַטעסטאַ, וועמען באַקונין האָט צוליב זיין יוגנטלעכקייט באַצייכנט ווי דעם בינימין, דעם „בן־זקונימל", פון דער באַוועגונג. מיטן דאָזיקן „בינימין" האָט ער מיסתמא באַדאַרפט זיין שטאַרק צופרידן, מחמת ס'זיינען נישט געווען אַ סך אַזעלכע,

וועלכע זאָלן מיט אַזוי פיל איבערגעגעבנקייט אויפברענגען דאָס גאַנצע לעבן זייערס פאַר אַ גרויסער אידעע, ווי דאָס האָט געטאָן מאַלאַטעסטאַ ביז צו זיין טויט. ער האָט אין זיין שטורעמדיקן לעבן געהאַט אַן אָנזעעוודיקע באַטייליקונג כימעט אין אַלע אויפשטאַנדן און גרויסע פאַלקסבאַוועגונגען פון זיין לאַנד און ער איז תמיד געווען גרייט זיך אַריינוואַרפן דער ערשטער אין געראַנגל. דאָס, וואָס ער איז בטבע געווען אַ מיסתפק במועט, אַזאַ מענטש, וואָס קאָן אין זיין שטילער גרויסקייט נישט פאַרטראָגן קיין שום פאַרהערלעכונג פון דער אייגענער פערזאָן, זיין מוטיקע אומדערשראָקנקייט, וועלכע האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום געוואַגטקייט, ווען מ'האָט זיך גע־דאַרפט אַליין אַרויסשטעלן, זיין רואיקע און קלאָרע מיינונג וועגן מענטשן און זאַכן, האָט נאָך אין די צייטן, ווען ער האָט געלעבט, געשאַפן אַרום זיין נאָמען אַ לעגענדע, וועלכע האָט אָנגעפילט מיט קינאהלאָזער באַוואונדערונג יעדן איינעם פון זיינע נענ־טערע חברים.

די איטאַליענישע רעגירונג האָט זיך געשראָקן פאַר אָט־דעם מענטשן מער ווי פאַר וועלכן ס'איז אַנדערן; דאָס איז אַזוי געווען דערפאַר, ווייל זיין ריינער און אומ־אָפּקויפבאַרער כאַראַקטער האָט געהאַט אַזאַ געוואַלטיקן איינפלוס אויף אַזוי פיל טויזנטער מענטשן. ווען די רעגירונג איז נאָכן ערשטן וועלטקריג געווען גע־צוווּנגען אַרויסצולאָזן אַן אַלגעמיינע פּאָליטישע אַמנעסטיע, צוליב דעם רעוואָלו־ציאָנערן קריזיס, וועלכער האָט צעטרייסלט גאַנץ איטאַליע, איז מאַלאַטעסטאַ געווען דער איינציקער, וועלכער איז פון איר געווען אויסגעשלאָסן; אויף אים איז זי נישט געווען חל. פאַרשטייט זיך, אַז דערמיט האָט זי בלויז צוגעגאָסן נאָפט צום פייער און זי האָט זיך לסוף געמוזט אַנטשליסן, ווען אַפילו מיט אומפאַרהוילענעם ווידערווילן, צו באַווילקן איר פאַרביסנסטן קעגנער דעם צוריקקער אין זיין היימלאַנד. איר אויפ־פיר האָט בלויז באַוויזן, ווי הויך זי האָט אָפּגעשאַצט מאַלאַטעסטאַס ווערט. און נישט מיט אומרעכט, ווייל ווען אַפילו מאַלאַטעסטאַ איז אָפט געווען געצוווּנגען צו לעבן במשך פון אַ סך יאָרן אין גלות, איז ער אָבער פונדעסטוועגן שטענדיק געווען אויפן ענגסטן אופן פאַרבונדן מיט זיין לאַנד.

דאָס איז אויך געווען די סיבה, פאַרוואָס די ענגלישע רעגירונג האָט אים אין דער צייט פון זיין לאַנגיאָריקן אויפהאַלט אין לאָנדאָן תמיד אָפּגעהיט און נאָכגעקוקט מיט אַ ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט. זיין וווינונג אין איזלינגטאָן איז תמיד געווען אַרומגערינגלט מיט אַגענטן פון „סקאָטלאַנד יאַרד", וועלכע האָבן קאָנטראָלירט יעדן שריט, וואָס ער האָט געמאַכט. דאָס איז אָבער פונדעסטוועגן קיינמאָל נישט געווען קיין שטער, אַז מאַלאַטעסטאַ זאָל יעדעס מאָל שפּורלאָז פאַרשווינדן פון לאָנדאָן, ווען אין איטאַליע האָבן געברויזט די כוואַליעס פון בונט. דער אַלטער בונטאַר האָט תמיד געפונען מיטלען און אופנים ווי אַזוי צו פאַרפירן זיינע אומבאַקוועמע וועכטער אויף אַ פאַלשן שליאַד און זיך אַרויסצודרייען פון זייער פאַסטקע. מיר איז תמיד געווען אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די ענגלישע רעגירונג האָט פאַרשווענדט אַזוי פיל געלט און צייט, ביכדי צו זיין אויף די שפּורן פון מאַלאַטעסטאַס פּלענער. ער האָט דאָך קיינמאָל נישט געשטערט די רו און די זיכערקייט פון דער ענגלישער מלוכה. ענגלאַנד

איז פאַר אים בלויז געווען אַן אַזיל־פּלאַץ, מחמת קיין שום אַנדער לאַנד אין אייראָפּע וואָלט אים נישט געווען באַוויליקט דעם אויפהאַלט. ער האָט אויך גוט געוווּסט, אַז ווי אַן אויסלענדער איז ער נישט אימשטאַנד צו האָבן דעם מינדסטן איינפלוס אויף דער געשטאַלטיקונג פון די ענגלישע פאַרהעלטענישן. זיין עפנטלעכע טעטיקייט האָט זיך דאָרט באַשרענקט בלויז אויף דער פּראָפּאַגאַנדע דורך וואָרט און שריפט. אָבער אַזוי ווי ס׳איז אים געווען שווער אַרויסצוברענגען זיינע געדאַנקען פריי אין דער ענגלישער שפּראַך, איז דערפאַר אַפילו די צאָל פון זיינע רעפעראַטן אין דערדאָזיקער שפּראַך געווען שטאַרק קליין און ער האָט יעדעס מאָל געדאַרפט אויסשטיין אַ שווערן ניסיון, ווען ער האָט געמוזט איינגיין אַנצונעמען די פאַרבעטונג פון די ענגלישע חברים פאַר זיי צו רעדן. אויך זיין דירעקטע מיטאַרבעט אין די ענגלישע זשורנאַלן, אַזעלכע ווי „פרידאָם", „ליבערטי" און „די טאָרטש", האָט זיך באַגרענעצט בלויז אויף ווייניק דירעקט פאַר זיי אין ענגליש געשריבענע אַרטיקלען. דער רוב פון זיינע מאַמרים, וועלכע זיינען דערשינען אין ענגליש, פּונקט אַזוי ווי די קליינע צאָל פון זיינע ענגלישע בראָשורקעס, זיינען איבערגעזעצט געוואָרן פון איטאַליענישע און פראַנצויזישע אויסגאַבן. מעג מען זיך דעריבער משער זיין, אַז דאָס שטרענגע אויג, וואָס מען האָט געהאַלטן איבער מאַלאַטעסטאַן אין ענגלאַנד, איז געקומען צוליב דער ווענדונג פון דער איטאַליענישער רעגירונג און די ענגלישע אויטאָריטעטן האָבן איר דערמיט בלויז געוואָלט טאָן אַ טובה.

דידאָזיקע אַביסל איבערגעטריבענע אויפמערקזאַמקייט האָט צומאָלס דערפירט צו גאַנץ קאָמישע פּאַסירונגען. אַזוי האָט מיר מאַלאַטעסטאַ איינמאָל דערציילט אַ פּרייּלעכע געשיכטע, וועלכע איז אַפילו פּסיכאָלאָגיש נישט אומאינטערעסאַנט. דאָס איז געווען אין יאָר 1895. די רעאַקציע אין אייראָפּע האָט דערגרייכט מיט איר שאָטן ביז ענגלאַנד. אַ גרויסע צאָל פּאָליטישע פּליטים, צווישן זיי אויך די צוויי באַקאַנטע איטאַליענישע חברים פּיעטראָ גאָרי און עדאָאַרדאָ מילאַנאָ, האָבן נאָך דער מעשה אין קאַסעריאָס געפונען אין לאָנדאָן זייער מקום־מיקלט. מאַלאַטעסטאַ און גאָרי האָבן געהאַט די זכיה צו געניסן פון דער ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליטישער פּאָליציי, וועמענס אַגענטן זיינען נאָכגעגאַנגען זייערע שריט ווו נאָר זיי זיינען געגאַנגען און האָבן זיך געקערט און געווענדט. ביידע פּלעגן זיי אין יענער צייט אָפּט עסן זייערע אָרימע מאָלצייטן אין אַ קליינער איטאַליענישער אכסניא אין איזילינגטאָן. אין אַ געוויסן טאָג, ווען ביידע זיינען דאָרט אַהין אָנגעקומען, האָט זיי דער באַלעבאָס סערווירט אַ רייך און בשפעדיקן מאָלצייט מיט אַ פלאַש זייער טייערן וויין. ווען מאַלאַטעסטאַ האָט אים געפרעגט, וואָס דאָס דאַרף באַדייטן, האָט ער סודותדיק געשמייכלט און דערקלערט, אַז איינער פון זיינע געסט, וועלכער וויל נישט, מ׳זאָל אָנרופן זיין נאָמען, האָט אים געהייסן זיי ביידן דערלאַנגען אַ ספּעציעל־גוטן מאָלצייט אויף זיין חשבון. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט, איז דער ברייטהאַרציקער נדבן, וועמען נישט מאַלאַטעסטאַ און נישט פּיעטראָ גאָרי האָבן ווען ס׳איז געזען פּערזענלעך, געווען אַ מיטגליד פון דער „מאַפיאַ" אָדער פון עפּעס אַן אַנדערער איטאַליענישער געהיימער געזעלשאַפט, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט

פּאָליטישע עיניניס. אַ סברא, אז דאָסדאָזיקע ווילע מענטשל האָט באַמערקט, אַז די שפּיצלעך פון סקאָטלאַנד יאַרד גייען זיי שטענדיק נאָך פון הינטן, און אַזוי ווי ער אַליין איז, קאָנטיק, געשטאַנען אין געשפּאַנטע באַציונגען מיט דער פּאָליציי, האָט ער משמעות געהאַלטן, אַז ער איז מחוייב מאַלאַטעסטאַן און גאָרין אויף אַזאַ אופן אַרויסווייזן זיין פאַרערונג. אַזוי אַרום האָט די ענגלישע פּאָליציי זייביידן געהאָלפן צו געניסן פון אַ רחבותדיקן מאָלצייט, וועמענס באַטרעף ס'איז געדעקט געוואָרן פון דער „מאַפּיאַ". אַזוי געקניפּט און געבונדן זיינען שוין די דרכים פונעם גורל.

אַזוי ווי איך האָב זיך שפּעטער, דורך מיין מיטאַרבעט אינעם סעקרעטאַריאַט פונעם אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל, יעדע וואָך צונויפגעטראָפן מיט מאַלאַטעס־טאַן, וועלן דעריבער די לייענער פון אָט־די שילדערונגען שפּעטער־צו, אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך, נאָך געוויר ווערן אייניקע אינטערעסאַנטע דאַטן פונעם לעבן און טעטיקייט פון אָט־דעם זעלטענעם מענטשן.

איינער פון מאַלטעסטאַס אינטימסטע פריינט אין יענער צייט איז געווען פּיעטראָ גאָרי. גאָרי איז געווען איינע פון די ראָמאַנטישסטע געשטאַלטן פונעם איטאַליענישן אַנאַרכיזם, וועמענס פריצייטיקער טויט האָט איבערגעלאָזט אין דער באַוועגונג אַ היפּשן בלויז, וועלכער האָט נאָך ביז צום היינטיקן טאָג נישט געקאָנט אויסגעפילט ווערן. אַן אַדוואָקאַט פון דער פּראָפעסיע, פּונקט ווי סאַווועריאָ מערלינאָ, האָט ער זיך אין זיין היימלאַנד בעיקר פאַרנומען מיט פּאָליטישע פּראָצעסן. גאָרי איז אָן ספק געווען איינער פון די מעכטיקסטע רעדנער, וועלכע איטאַליע האָט אַרויסגעגעבן. חברים, וועלכע האָבן אים גוט געקענט פון דער היים זיינער, האָבן מיר דערציילט, אַז צו דער גרויסער צאָל פון זיינע פּאָליטישע רעפעראַטן פלעגן נישט זעלטן קומען באַקאַנטע פּאָליטיקער פון די פאַרשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען און אַפילו מלוכהלייט, וועלכע זיינען זיכער נישט געווען שווה בשווה מיט זיין קוק אויף זאַכן און געשעענישן, זיי פלעגן אָבער קומען בעיקר דערפאַר, ביכדי צו הערן אַ פערפעקטן מייסטער פון דער שפּראַך, וועמען אפילו זיי האָבן נישט געקאָנט אָפּזאָגן זייער באַוואונדערונג. זיין פיינער פּאָעטישער טאַלאַנט האָט אים אָפּט דערמעגלעכט צונויפצושטעלן פאָרמאַציעס פון ווערטער מיט אַזאַ פערפעקטער שיינקייט, אַז זיי האָבן זיינע גייסטרייכע אויספירונגען געגעבן אַ זעלטענעם חן און רייץ און זיך טיף איינגעגראָבן אין דער נשמה. איך בין געווען ביי אייניקע פון זיינע רעפעראַטן, וואָס ער פלעגט געבן אין גרעפּטאָן־האָל און אין אַנדערע ערטער, און איך האָב תמיד געהאַט דעמזעלביקן איינדרוק. באַלד ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן רעדן, נאָך אייניקע מינוט בלויז, האָט ער זיין גרויסע אוידיטאָריע אַזוי פולשטענדיק אַריינגעצויגן אינעם כישוף פון זיינע ווערטער, אַז ס'איז געווען שווער פאַר עמיצן זיך אַרויסצודרייען פון זיין השפּעה. אויך דער אויסערלעכער אויסזען פון דאָזיקן מענטשן האָט געהאַט אַ נישט קליינעם חלק אין דער פאַרטיפונג פון די באַקומענע איינדרוקן. זיין הויכע שלאַנקע געשטאַלט מיטן אויסדרוקספולן פּנים, וועל־כעס פלעגט בעתן רעדן אַזוי ווי אויסגעלייטערט ווערן פון איבעווייניקסטע שטראַלן,

האָט געהאַט עפּעס אַ ווונדערלעכע אָנציעוודיקייט, אַז ס'איז נישט געווען לייכט זיך אויסצוהיטן פון זיין השפּעה.

גאָרי האָט אין דער צייט פון זיין לאָנדאָנער אויפהאַלט געלעבט אין זייער שווע־רע פאַרהעלטענישן, פּונקט ווי דער רוב איטאַליעניש פּליטים פון יענער צייט. ווען איך האָב זיך מיט אים באַקענט, האָט ער געוווינט אין אַ זייער אָרעמער געגנט צווישן קינגס גראָס און איזלינגטאָן, אין איינער פון די ענגסטע און אומהיימלעכסטע גאַסן פון יענער געגנט, על־פּי־רוב אַ באַוווינטע פון אַ באַפעלקערונגס־שיכט, וועל־כער האָט ביי דער פּאָליציי נישט געהאַט קיין גאָר פיינעם שם. אַנדערע וואָלטן אַזאַ מין שכינות נישט געוואָלט אָננעמען באהבה, אָבער פונדעסטוועגן איז גאָרי פון יענע אונטערוועלט־מענטשן קיינמאָל נישט באַלעסטיקט געוואָרן. אפשר איז דאָס צו פאַר־דאַנקען דעם אומשטאַנד, וואָס דאָס הויז, אין וועלכן ער האָט געוווינט, איז תמיד באַוואַכט געוואָרן פון אַגענטן פון דער ענגלישער פּאָליציי, וועלכע זיינען תיכף נאָכגעגאַנגען נאָענט הינטער אים, ווי נאָר ער איז אַרויסגעגאַנגען אין גאַס; מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אַזאַ מין „אַטעסטאַט" פאַר אים, וואָס האָט די איינוווינערשאַפט פון דערדאָזיקער סביבה מיט דער צווייפלהאַפטער מאָראַל אַרויפגעבראַכט אויפן געדאַנק, אַז ער באַלאַנגט אויך צוזאַמען מיט זיי צו זייער חברותא און אַז ער האָט זיך צוליב גוטע מאָטיוון אַריינגעצויגן דאָ אַהער.

דאָס קליינע צימער, אין וועלכן ער האָט געוווינט, איז געווען גאַנץ פינצטערלעך און אָפּשרעקנדיק נאַקעט. חוץ אַ שמאָלן אייזערנעם בעטל, אַ קליינעם טישל און עטלעכע שטולן, איז אין אָט־דעם פּוסטן חלל נישט געווען קיין שום אַנדער מעבל אָדער חפץ. אָבער פון אָט־דעם עלנטן לאָך איז פונדעסטוועגן אַרויסגעקומען אַ היפּשע צאָל פון זיינע פלאַמענדיקע לידער, וועלכע זיינען פון איטאַליעס רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט געזונגען געוואָרן מיט אַ ספּעציעלער פרעפערענץ. די וואַכנדיקע נשמה פונעם דיכטער לייטערט־אויס יעדע סביבה.

גאָרי איז נאָך אינעם זעלביקן יאָר (1895) אָפּגעפאָרן אין די פאַרייניקטע שטאַטן, ווו ער האָט דורכגעוואַנדערט דאָס גאַנצע לאַנד און דורכגעפירט אויסער־געוויינלעך גוט־באַזוכטע רעפעראַטן־טורנירן. געפאָרן קיין אַמעריקע איז ער אויף אַ לאַסטשיף, אויף וועלכער ער האָט באַצאָלט די רייזע מיט זיין אַרבעט ווי אַ שוואַרצאַרבעטער, און ער האָט זיך אומגעקערט אין קומענדיקן יאָר קורץ פאַר דער דערעפענונג פונעם אינטערנאַציאָנאלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס.

# ערטער פון עלנט און פיינלעכער נויט

ס׳איז שוין פריער גערעדט געוואָרן וועגן דער אייגנטלעכער סיבה, וועלכע האָט מיך דעמאָלסט באַוויגן צו פאָרן קיין לאָנדאָן. אָבער אויך דאָ, ווי דאָס פּאַסירט גאַנץ אָפט, איז געקומען אַלעס אַנדערש ווי איך האָב זיך עס געהאַט אויסגעמאָלן. מיין פּלאַן צו קאָנען דערליידיקן אין דייטשן קאָנסולאַט אין לאָנדאָן מיינע מיליטערישע עינינים און, אויב איך זאָל דאָס באַוויזן, — זיך אומצוקערן קיין דייטשלאַנד, איז גאָר אינגיכן דורכגעפאַלן. ווען כ׳האָב זיך צום ערשטן מאָל פּרעזענטירט אין דייטשן קאָנסולאַט, ביכדי אויסצופועלן אַ דערלויבעניש פאַר אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג, האָט מען קודם־כל פאַרצייכנט שריפטלעך מיינע דאַטן און פאַרלאַנגט פון מיר מיין מעטריקע און אַנדערע דאָקומענטן, וועלכע איך האָב נישט געהאַט. ס׳איז אַריבער אַ לענגערע צייט, ביז כ׳האָב געקאָנט באַוויזן דורך אַ קרוב אין דער היים זיך צו באַזאָרגן מיט די נייטיקע פּאַפּירן. ווען איך בין, פאַרזאָרגט מיט דידאָזיקע פּאַפּירן, באַנייס אַוועק אין קאָנסולאַט, האָט מען מיר דערקלערט קורץ און שאַרף, אַז מ׳קאָן מיר נישט דערלויבן קיין דאָקטאָרשע אונטערזוכונג און אַז איך מוז אָפּפאָרן קיין דייטשלאַנד. אויף מיין אָנפראַגע, פאַרוואָס מ׳זאָגט מיר אָפּ די דערלויבעניש, וועלכע מ׳גיט דאָך יאָ אַרויס יעדן איינעם, האָט מיר דעם קאָנסולס שטעלפאַרטרעטער אַביסל גראָב־פאַרריסן דערקלערט, אַז ער איז נישט מחויב מיך צו אינפאָרמירן וועגן דעם און אַז איך ווייס מיסתמא גאַנץ גוט, פאַרוואָס דאָס פּאַסירט אַזוי.

נו, יאָ, אַוודאי האָב איך עס געוווסט; אָבער פונדעסטוועגן האָב איך נישט דערוואַרט, אַז דער קאָנסולאַט וועט נאָכזוכן ידיעות וועגן מיין פּערזאָן. אין געוויינלעכע, נאָרמאַלע צייטן וואָלט אַזעלכעס מיסתמא זיכער נישט פּאַסירט; אָבער אין יענעם צעברויזטן פּעריאָד, ווען דער אינטערנאַציאָנאַלער העצקאַמפּיין קעגן אַנאַרכיסטן האָט באַלאַנגט צו די נאָרמאַלע דערשיינונגען, איז עס יאָ מעגלעך געווען, אַז די דייטשע רעגירונג זאָל געווען רעקאָמענדירן אירע קאָנסולאַטן אין אויסלאַנד ספּעציעלע מיטלען אַזעלכע. לכל הדעות האָב איך איצט געוווסט, אַז דער וועג אין מיין היימלאַנד איז פאַר מיר אויף אייביק פאַרשפּאַרט. בלויז אַ רעוואָלוציע וואָלט מיר געקאָנט דערמעגלעכן דעם צוריקקער אַהיים. אָבער וועגן אַזאַ מעגלעכקייט האָב איך, נישט געקוקט אויף מיין יוגנטלעכן איבערפלייצנדיקן ענטוזיאַזם, אַפילו נישט געוואַגט צו גלייבן, מחמת פון אַלע מלוכות אין אייראָפּע האָט זיך מיר דייטשלאַנד דעמאָלט אויסגעוויזן צו זיין דאָס צום שטאַרקסטן און פעסטסטן צונויפ־

גענומענע. האָט צו דעם גאָרנישט געקאָנט געטאָן ווערן און איך האָב זיך געמוזט אָן עצה געבן אַזוי ווי ס׳איז מיר מעגלעך געווען. אָבער פונדעסטוועגן וואָלט איך זיך דעמאָלסט בשום אופן נישט געוועוען געלאָזט איינרעדן, אַז לאָנדאָן וועט מיך אַזוי לאַנג פאַרהאַלטן. אָבער איצט האָב איך שוין געוווסט, אויף וואָסער וועלט איך געפין זיך און דאָס אַליין איז שוין אַן און פאַר זיך עפּעס ווערט, מחמת ס׳איז נישט פאַראַן קיין ערגערע זאַך ווי די אומזיכערקייט, וועלכע איז בלויז מסוגל צו שאַפן אומפּרוכ־פּעריקע אילוזיעס.

און אַזוי ווי ס׳איז שוין איצט געווען זיכער, אַז איך מוז דערווייל פאַרבלייבן אין לאָנדאָן, האָב איך זיך, בהסכם דערמיט, גענומען איינאָרדענען. קודם־כל האָב איך געפילט די באַדערפעניש זיך נענטער צו באַקענען מיט דער ריזיקער שטאָט. איך האָב זיך דערמאָנט אין מיינע וואַנדערונגען אין פּאַריז און האָב באַשלאָסן דאָס נעמלעכע בערך אויך דאָ צו פּרוּוון טאָן. ראשית־כל איז מיר געגאַנגען אין דעם, זיך צו באַקענען מיט יענעם טונקעלן לאָנדאָן, וועגן וועלכן איך האָב שוין געהאַט עפּעס געלייענט און וועמענס באשרייבונג דורך דזשאָן הענרי מאַקיי האָט ביי מיר געהאַט איבערגעלאָזט אַזעלכע אומעטיקע פאַרשטעלונגען. האָב איך דעריבער זיך צונויפגערעדט וועגן דעם מיט אָטאָ שרייבער, וועלכער האָט שוין פון זינט א סך יאָרן געוווינט אין לאָנדאָן, און, אויך אָנגערעגט פון מאַקיין, האָט ער שוין פריער געהאַט געמאַכט אייניקע באַזוכן אין די געגנטן פונעם עלנט.

פאַר אונדזערע אַנטדעקונגס־רייזעס האָבן מיר באַשטימט די שבתדיקע נאָכ־מיטיקס. ענגלאַנד איז אין יענער צייט געווען דאָס איינציקע לאַנד אין אייראָפּע, ווו די אַרבעט פלעגט אין די שבת־נאָכמיטיקס, איינס אָדער צוויי אַזייגער, אָפּגעשטעלט ווערן. דער שבת איז ביכלל געווען א גינציקער טאָג, ביכדי זיך צו באַקענען מיט דער שטאָט פון אַ באַזונדערער זייט. ווי נאָר די פאַבריקן, וואַרשטאַטן, בענק א.ד.גל. פלעגן נאָכמיטיק פאַרמאַכט ווערן, פלעגט זיך דאָס אויסזען פון דער גאַס מיט איינ־מאָל לגמרי איבעראַנדערשן. די „סיטי״, לאָנדאָנס האַרץ און אין די וואָכנטעג דער סצענאַריום פונעם ריזיקסטן גאַסנפאַרקער, פלעגט אין די זונטיקן און אין די שפּעטערדיקע נאָכמיטיק־שעהן פון די שבתים, ווען די טויזנטער־קעפּיקע מחנה פון די באַנקאָנגעשטעלטע און געשעפטסלייט פלעגן זיך שוין האָבן צעפאָרן אין זייערע היימען, זיין לגמרי פּוסט. קיינער האָט דאָרטן נישט געוווינט, ווייל די גאַנצע געגנט איז איינגעאָרדנט בלויז פאַרן צוועק פון אַ ווייט־ און ברייט־פאַרצווייגטן און אין זיין גאַנצער שפע אומאויספלאָנטערנדיקן געשעפטסלעבן. דערפאַר אָבער איז דאָס גאַסנלעבן אין די אַנדערע טיילן פון דער שטאָט אין די שבתדיקע נאָכמיטיקן נאָך פיל באַוועגלעכער און קאָלירפאַרביקער ווי אין די אַנדערע טעג. די הויפּטאָדערן פונעם עפנטלעכן פאַרקער זיינען דעמאָלסט געווען אָנגעפילט מיט געדיכטע מענ־טשנמאַסן, און אָט־דער פאַרקער פלעגט, ביפרט אין שכנות פון די גרויסע מאַרק־פּלעצער, ווו די לאָנדאָנער פלעגן געוויינלעך מאַכן זייערע איינקויפן פאַר דער קו־מענדיקער וואָך, הויפיק אָננעמען אַלאַרמירנדיקע פאָרמען.

מיר האָבן דעם ענין איינגעאָרדנט אויף אַזאַ שטייגער, אַז מיר פלעגן כימעט

יעדן שבת, ווען דאָס וועטער איז ווי נישט איז געווען גינציק, באַזוכן אַן אַנדערן טייל פון דער אומגעהייערער שטאָט. אַזוי אַרום האָב איך זיך ביסלעכווייז באַקענט מיט די באַרימטסטע באַצירקן פונעם סאָציאַלן עלנט: דער ענגער גאַסן־געווירבל צווישן העקניי און בעטנאַל גרין, צווישן שאָרדיטש און ווייטשעפּל, די ערטער פון דער טיפסטער אָרעמקייט אַרום לימענהאַוז און שעדוועל, די טרייסטלאָזע און האָפעגונגסלאָזע געגנט, וועלכע גרופּירט זיך אַרום די האַפן־איינריכטונגען פון לאָנדאָן, און אויף דער אַנדערער זייט פון דער טעמזע, די דיסטריקטן פון לעמבעט, דאַפּטפאָרד אאַז״וו. מ׳האָט שוין וועגן יענער וועלט פון דער שרעקלעכסטער נויט און מענטשלעכער ירידה אַזוי פיל געשריבן, אַז אַ באַשרייבונג פון די גרוילעכע איינדרוקן, וואָס איך האָב דאָרט באַקומען פּערזענלעך, וועט מיסתמא נישט זיין אימשטאַנד צו באַרייכערן דאָס פינצטערע בילד. איך קאָן בלויז זאָגן, אַז די ערגסטע דערוואַרטונגען מיינע וועגן דער אכזריותדיקערווירקלעכקייט זיינען שטאַרק איבערגעטראָפן געוואָרן. יעדעס מאָל, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון אַזאַ אַרויספאַר, האָב איך זיך געפילט פיזיש צעפּלעטשט און גייסטיק פולשטענדיק דערשלאָגן. ס׳איז אַפילו שווער געווען ווי געהעריק אַרויסצוברענגען די אינערלעכע מרידה צוליב דידאָזיקע פּחדימדיקע צושטאַנדן אין אָט־דער בעסטער פון אַלע וועלטן. איך האָב באַנומען דאָס געזעענע גיכער ווי אַ מאַוויימדיקן גורל, וועלכער האָט געהויערט אויף זיינע קרבנות מיט אַ בלייענער שווערגעוויכטיקייט און דערשטיקט אין זיי יעדן מין מענטשלעכקייט. ווער עס פאַלט־אַריין אין אָט־דעם תהום, פאַר דעם איז שוין מער נישט פאַראַן קיין אַנטרינונג; ער ווערט פון דער נויט ביסלעכווייז צעמאָלן און אומברחמנותדיק אַריינגעטריבן אין די לעצטע פּלעצער פונעם אָפּפאַל.

פּונקט ווי אַ סך אַנדערע האָב איך אין מיין יוגנט שטאַרק געגלויבט אין דעם, אַז די פאַרשאַרפונג פונעם סאָציאַלן עלנט וועט די מענטשן ביסלעכווייז דערפירן דערצו, אַז זיי וועלן אָנהייבן פאַרשטיין די טיפערע סיבות פון זייער מענטשנאומווירדיקער עקזיסטענץ. איך האָב זיך אָבער פון זינט דעמאָלסט שוין לאַנג איבערצייגט, אַז אָט־די מיינונג איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ געפערלעכע אומזיניקע איינרעדעניש, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע פּוסטע לאָזונגען, וועלכע מיר האָבן איבערגענומען פונעם עלטערן דור. מיינע וואַנדערונגען איבער די פּלעצער פונעם פּחדימדיקן עלנט האָבן לכתחילה צעטרייסלט דעמדאָזיקן גלויבן און מיך צוגעגרייט אַנדערש און בעסער צו באַנעמען דעם עיניין, ווען אפילו איך האָב דאָס פון אָנהויב שטאַרק נישט געוואָלט נאָכגעבן. איך האָב דידאָזיקע אַרויספאָרן אין די פינצטערסטע ווינקלען פונעם סאָציאַלן עלנט קיינמאָל נישט אויפגעגעבן אינגאַנצן, ווען אַפילו איך האָב זיי שפּעטער נישט געמאַכט מיט דערזעלביקער התמדה ווי אין דער ערשטער צייט פון מיין לאָנדאָנער אויפהאַלט. אַזוי ווי איך האָב מיט דער צייט ביי די לאָנדאָנער חברים באַקומען דעם שם, אַז איך בין אַ גוטער קענער פון יענע געגנטן פון דער גרעסטער אָרעמקייט, האָט מען מיר טאַקע אין די שפּעטערדיקע יאָרן צוגעשיקט איינציקע געסט פון אייראָפּע, פאַר וועמען איך האָב געדאַרפט זיין אַ פירער. אָבער מיינע איינדרוקן זיינען תמיד געבליבן דיזעלביקע, ווען אַפילו די מסקנות,

וועלכע איך האָב פון זיי אַרויסגעצויגן, האָבן זיך מיטן לויף פון דער צייט שטאַרק געענדערט.

ס׳איז פאַראַן אַ מדרגה פון מאַטעריעלער און גייסטיקער נויט, ווען דער מענטש איז שוין מער נישט פעיק צו קיין שום אינערלעכער דערהויבונג אָדער בונט. איך וואַרף נישט אָפּ די מעגלעכקייט, אַז פּלוצים־אָנקומענדיקע שווערע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע קריזיסן זיינען אימשטאַנד ביי געוויסע באַדינגונגען אָנצורעגן מענטשן צו אָפענעם בונט, אָבער דאָס קאָן זיין אַזוי נאָר דערפאַר, ווייל ס׳איז אין זיי נאָך פאַר־בליבן לעבעדיק די דערמאָנונג אין בעסערע צייטן. ווער אָבער ס׳האָט קיינמאָל נישט געוווּסט פון אַ בעסערער פאַרגאַנגענהייט און איז אַזוי צו זאָגן אַריינגעבוירן געוואָרן אינעם טיפסטן עלנט אַריין, אַזאַ מענטש איז בלויז אין זעלטענע פאַלן פעיק צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד, ווייל אים האָט שוין דאָס לעבן נאָך אין דער פריסטער יוגנט פיזיש און גייסטיק צעמאָלן.

געווען דעמאָלסט אין לאָנדאָן אַ סך טויזנטער מענטשן, וועלכע זיינען קיינמאָל נישט געשלאָפן אין קיין בעט און אין די נעכט פלעגן זיי פאַרקריכן ערגעץ אין אַ שמוציקן ווינקל, ווו די פּאָליציי האָט זיי נישט געקאָנט שטערן. איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען טויזנטער מענטשלעכע באַשעפענישן, וועלכע האָבן נאָך קוים געקאָנט באַטראַכט ווערן ווי אַזעלכע און זיי זיינען שוין אַפילו נישט פעיק געווען צו קיין שום אַרבעט, פון וועלכן מין דידאָזיקע אַרבעט זאָל זיין. מענטשן אומגלויבלעך אָפּגעריסענע, באַדעקט מיט ברודיקע שמאַטעס, וועלכע האָבן טאַקע נישט פאַרדעקט די נאַקעטקייט; מענטשן פאַרלויזטע, פאַרעיפּושטע, געפּלאָגט פונעם שטענדיקן הונ־גער, וועלכע האָבן זיך יעדן טאָג דערנערט פונעם מיסט אין די גאַסן, און זיך גיריק געגראַבלט אין די האַלב־פאַרפוילטע רעשטן אויף די מאַרקפּלעצער, ביכדי צו גע־פינען עפּעס אַ ביסן. איך האָב אַרומגעוואַנדערט איבער גאַסן און געסלעך באַלייגטע מיט שמוץ; מיט הייזער, וועמענס פראָנטן זיינען געווען האַלב־איינגעפאַלענע, און אַלעס איז דאָרט געווען אַזוי פּוסט און וויסט, אַז קיין שום פען וואָלט נישט געווען אימשטאַנד אָנצוצייכענען אַ ריכטיק בילד פונעם גרויליקן יאָמער און פּיין, וועלכע האָבן דאָ פאַרלייגט זייערע פינצטערע שאָטנס. און אין אָט־די הייל פון אָרעמקייט און פון דער שרעקלעכער נויט זיינען געבוירן געוואָרן קינדער, האָבן געלעבט מענטשן צעפּרעסענע פון עלנט, פון אומענדלעכער פּיין, צעבראָכענע פאַר דער צייט און פון אַלע אַנדערע שיכטן פון דער געזעלשאַפט אָוועקגעשטעלט מחוץ למחנה ווי קרעציקע און געבראַנדמאַרקטע פונעם גורל.

אויפן דאָזיקן מיסטבאַרג פונעם לעבן האָט שוין נישט געקאָנט אויפגיין קיין שום גייסטיקער פאַרזיי. דאָס איז געווען דער אָפּפאַל פון אַ געזעלשאַפט, וועמענס פאַר־שטייער ווילן נאָך אַלץ מאַכן גלייבן, אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלוהים, אָבער זיי האָבן זיך מיט פּחד אויסגעהיט נישט צו באַגעגענען זיך פּנים אל פּנים מיטן דאָזיקן גאָט־ענלעכן געשטאַלט אינעם „סלאַם“ פון לאָנדאָן. איך האָב אויך אין אַנדערע לענדער געזען געוויינטלעכע בילדער פון סאָציאַלן עלנט, אָבער אין קיין שום לאַנד וואַרפט זיך נישט אַזוי שטאַרק אין די אויגן דער גרויליקער אונטערשייד

צווישן דעם שפּעדיקן עשירות און דער אומבאַשרייבלעכער נויט, ווי אין ענגלאַנדס גרויסע שטעט.

רייכטום און עשירות וווינען אָפּט אַזוי נאָענט נעבנאייננאַנדער, אַז זיי זיינען קוים פונאַנדערגעשיידט דורך בלויז איינציקע גאַסן. גאַנץ אָפּט איז גענוג געווען זיך צו פאַרנעמען מיט איינציקע זייטיקע גאַסן פון די ערטער פון דער גרעסטער באַוועגונג און האַוועניש פונעם לאָנדאָנער גאַסנלעבן, און אָנצוקומען אין די ערטער פון דער גרעסטער אָרעמקייט. דאָס, וואָס האָט דערביי צום שטאַרקסטן געוופן מיין אויפמערקזאַמקייט, איז געווען דער אומשטאַנד, וואָס דווקא אין ענגלאַנד האָט מען זיך דידאָזיקע זאַכן ווייניקער גענומען צום האַרץ ווי אין אַנדערע לענדער. אַפילו באַקאַנטע פירער פון דער ענגלישער אַרבעטערבאַוועגונג, מיט וועמען מיר איז אויסגעקומען צו רעדן וועגן דידאָזיקע צושטאַנדן, האָבן עס, קאָנטיק, אָנגענומען פאַר ליב און עס באַטראַכט ווי אַן אומפאַרמיידלעכע צרה. איך דערמאָן זיך זייער גוט וועגן אַ שמועס מיט בען טיללעט וועגן אָט־דעם ענין. טיללעט איז אין יענער צייט געווען נישט נאָר איינער פון די באַקאַנטסטע פירער פון דער ענגלישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, נייערט אויך איינער פון די איינפלוסרייכסטע מיטגלידער פון דער „סאָציאַל דעמאָקראַטיק פעדעריישאָן״, דער איינציקער ריין־מאַרקסיסטישער קערפּערשאַפט, וועלכע האָט דעמאָלסט עקזיסטירט אין ענגלאַנד. לויט זיין מיינונג איז אַ פאַרבעסערונג פון די סאָציאַלע קאָנדיציעס מעגלעך נאָר דאָרט, ווו דער חשק צו אַרבעט און די האָפענונג אויף אַ בעסערער צוקונפט זיינען נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלאָשן. אָבער לויט זיין מיינונג זיינען אַ סך פון די תושבים פון די באַרימטע הונגערדיסטריקטן שוין אַזוי שטאַרק דעמאָראַליזירט פון דער כראָנישער נויט, אַז זיי זיינען שוין נישט פעיק נישט צו קיין אַנדערע לעבנסבאַדינגונגען און נאָך ווייניקער פאַר העכערע סאָציאַלע שטרעבונגען. אָבער אין צייטן פון רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פלעגן, זאָגט ער, דווקא פון אַזעלכע געגנטן אַרויסקומען די היענעס פון דער רעוואָלוציע. דעריבער, מיינט ער, וואָלט אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג זיך געדאַרפט פאַרטראַכטן וועגן די מיטלען און אופנים, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פונעם לומפּן־פּראָלעטאַריאַט, מחמת פאַלשער רחמנות וואָלט אין אָט־דעם פאַל בלויז געקאָנט ברענגען שאָדן דעם סאָציאַליזם.

דער באַקאַנטער סאָציאַלפילאָזאָף מאַקס וועבער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם מאָדנעם צונויפמיש פון איבערגעטריבענער קירכלעכער פרומקייט און קאַלטן חוש פאַר רווחים ביי דער ענגלישער בורזשואַזיע און ער איז געקומען צום אויספיר, אַז דאָס נעמט זיך פונעם פּוריטאַניזם, וועלכער איז שטאַרק באַיינפלוסט געוואָרן פון קאַלווינס פאַטאַליסטישער טעאָריע מכוח גורלדיקער פאַרויסיקער באַשטימונג. ער און זיין נאָכגייער ערנסט טרעלטש האָבן אין זייערע רעליגיעז־פּסיכאָלאָגישע פאָרשאַרבעטן מכוח דער עקאָנאָמישער געשיכטע אַרויסגעבראַכט איינציקע איבערצייגנדיקע ביישפּילן פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון זייער באַנעם. אַזוי איז עס טאַקע, למשל, שטאַרק אילוסטראַטיוו, אַז די מאַלטוזישע באַפעלקערונגסטעאָריע האָט זיך געקאָנט אַנטוויקלען דווקא אין ענגלאַנד און אַז פון איר איז אויך דאַרווין שטאַרק

באַיינפלוסט געוואָרן, ווי ער האָט דאָס אַליין מודה געווען. אויך טאָמאָס האַקסלייס סאָציאַלער דאַרוויניזם איז אפשר מער באַווירקט געוואָרן פון קאַלוויניסטישע טראַדיציעס, ווי ער אַליין האָט דאָס געפילט. פּאָטאַליסטישע טעאָריעס דערפירן הויפּיק צו גאַנץ משונה־מאָדנע נשמה־צושטאַנדן, ביפּרט ווען זיי פּאַסן זיך באַקוועם אַריין אין די סודותדיקע נייגונגען פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן און העלפן־צו באַרואיקן דאָס געוויסן. ס'איז דעריבער נישט אויסגעשלאָסן, אַז דער צומאָלס כימעט אומבאַגרייפלעכער גלייכגילט לגבי דעם אויפּבראָיזנדיקסטן עלנט ווערט בעיקר באַשטימט דורך די פּוריטאַנישע איינפלוסן. יעדע אמונה אין גורל איז דאָך אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ מין שלום מאַכן מיט פאַרהעלטענישן, וועלכע מ'באַטראַכט פאַר אומפאַרמיידלעך, באַשר מ'וויל זיי נישט ענדערן אָדער מ'מיינט, אַז מ'קאָן זיי נישט ענדערן.

מ'מעג קוקן אויף אָט־דעם עינין פון וועלכן קוקווינקל מ'וויל, אָבער מ'קאָן נישט לייקענען, אַז די אַלטע לאָזונג „וואָס ערגער אַלץ בעסער" איז זיך סומך אויף אַ גראָבן טעות, וועלכער ברענגט בלויז נוצן אַזאַ פּאָטאַליסטישן באַנעם. ס'איז פּונקט אַזוי זין־ און אינהאַלטסלאָז ווי די אויסגעדראָשענע פראַזע „אַלעס אָדער גאָרנישט", וועלכע האָט דעמאָלסט געדאַרפט דינען געוויסע שאַרלאַטאַנעס, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר געוואַלטיקע ראַדיקאַלן, ווי אַ תירוץ, ביכדי צו זיין קעגן אַלע צייטווייליקע פּרווון צו דערגרייכן פאַרבעסערונגען, ווען אַפילו אָט־די פּרווון זיינען געקומען פון די אַרבעטער גופא, וויל דורך דעם ווערט דאָס פּראָלעטאַריאַט מכלומרשט אַראָפּגעפירט פונעם וועג פון דער סאָציאַלער באַפרייונג. אַזאַ באַנעם איז נישט נאָר אין סתירה צו אַלע געשיכטלעכע דערפאַרונגען; ער איז זיך אויך סומך אויף אַ פולשטענדיקער פאַרלייקענונג פון אַלע פּסיכאָלאָגישע הנחות, מחמת ס'איז שווער אָנצונעמען, אַז מענטשן, וועלכע זיינען נישט גרייט שוין איצט צו פאַרבעסערן זייער געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע אין לעבן, זאָלן זיך קאָנען באַגייסטערן פאַר אַ פולשטענדיקער סאָציאַלער באַפרייונג. אַזעלכע פּוסטע לאָזונגען זיינען נישט נאָר דער ערגסטער שונא פון יעדער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, נייערט זיי זיינען אויך אַן אמתער ראַק פאַר יעדער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

מיינע דעמאָלטיקע עקסקורסיעס איבער דעם טונקלסטן לאָנדאָן האָבן מיך אויך באַנייס געבראַכט אין ענגן קאָנטאַקט מיט די יידישע חברים. זינט איך האָב פאַרלאָזט פּאַריז, האָב איך זעלטן־ווען געהאַט אַ געלעגנהייט אָנצוהאַלטן די באַציאונגען מיט די יידישע חברים אין דער לאָנדאָנער מיזרח־טייל. איך בין געווען אַזוי שטאַרק און לגמרי פאַרנומען מיט מיינע אייגענע ענינים און מיט מיין אַקטיוויטעט צווישן די דייטשע חברים, אַז איך האָב געהאַט זייער ווייניק צייט אָנצוקניפּן נייע פאַרבינדונגען. מיט אייניקע באַקאַנטע יידישע חברים, אַזעלכע ווי וויליאַם וועס, זיין שוועסטער דאָריס, אברהם פרומקין און ל. באַראָן, וועגן וועלכע ס'וועט נאָך שפּעטער אויסקומען צו רעדן, האָב איך זיך שוין געהאַט אַביסל באַקענט אין גרעפּטאָן האָל. אין מערץ 1896 האָט מיך באַזוכט אין מיין דירה אונדזער טייערער חבר

א. פרומקין, וועמענס נישט־פרעטענציעזע און באַשיידענע נאַטור האָט מיך באַלד צוגעצויגן צו אים, און מיך געבעטן אַן אַרטיקל פאַר דעם קאָמונע־נומער פונעם „אַרבייטער־פריינד״, וועמענס רעדאַקטאָר ער איז דעמאָלט געווען. דאָס איז געווען מיין ערשטער צושטייער פאַר דער יידישער אַרבעטער־פּרעסע.

ווען איך האָב זיך איינמאָל אומגעקערט צוזאַמען מיט אָטאָ שרייבער פון איינעם פון אונדזערע „שפּאַצירן״ אין דער געגנט פון פּאָפּלאַר, האָבן מיר זיך אין קאָמערשויל־ראָוד באַגעגנט מיט ל. באַראָן, וועלכער האָט אונדז פריינטלעך באַגריסט און אונדז פאַרבעטן אין זיין וווינונג טרינקען אַ גלעזל טיי. מיר האָבן דאָרט גע־טראָפן נאָך עטלעכע יידישע חברים, צווישן זיי אויך דוד איזאַקאָוויטש, און פאַר־ברענגט מיט זיי אַן אנגענומענעם אָוונט. איך בין דאָרט געוווּיר געוואָרן אייניקע אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג אויף דער מיזרח־זייט. ווען מיר זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, האָבן מיך די חברים געבעטן פון צייט צו צייט קומען צו זייערע עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, וועלכע קומען־פאָר געוויינלעך יעדן פרייטיקצונאַכטס. פון דעמאָלט אָן פלעג איך אָפט צוזאַמען מיט אַנדערע דייטשע חברים קומען צו יענע פאַרזאַמלונגען פון די יידישע אַנאַרכיסטן, וועלכע פלעגן שטענדיק באַזוכט ווערן פון עטלעכע הונדערט מענטשן. אַזוי ווי איך האָב גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די דיסקוסיעס, האָט מען מיך גאָר אינגיכן פאַרבעטן צו געבן רעפעראַטן און איך בין, אַזוי אַרום, ביסלעכווייז געוואָרן אַן אָנגעלייגטער גאַסט צווישן די יידישע אַרבעטער.

יענע פאַרזאַמלונגען פלעגן דעמאָלסט פאָרקומען אין הענבורי־סטריט, אַ לאַנגע, ענגע, צעקרומטע גאַס, וועלכע האָט זיך געצויגן פונעם שפּיטאָל פיעלדס, ביז אין שכנות פון וויטשעפּל, און וועמענס נאַקעטע מיאוסקייט האָט געמאַכט אַן אָפּשרעק־קנדיקן איינדרוק. די געגנט וויטשעפּל איז אַמאָל געווען איינע פון לאָנדאָנס באַ־רימטסטע פאַרברעכער־געגנטן. אָבער דורכן פאַמעלעכן אַריינדרינגען פון אַ גרויסע צאָל יידישע אימיגראַנטן פון רוסלאַנד און פוילן, האָבן זיך די טונקעלע געשטאַלטן פון דער לאָנדאָנער אונטערוועלט ביסלעכווייז אָפּגעטראָגן אין אַנדערע טיילן פון דער שטאָט. דידאָזיקע אַמאָל אַזוי שטאַרק געפּערלעכע געגנט איז ביסלעכווייז גע־וואָרן דער צענטער פון דער יידישער אַרבעטערישער באַפעלקערונג און איצט האָט מען געקאָנט אפילו ביינאַכט רואיק דורכגיין דעם אומהיימלעכן פּלאָנטער פון די ענגע גאַסן און געסלעך, וועלכע האָבן אָנגעוויזט מיט אַ שטימונג ווי די גרויע פּיין און נויט, און מ׳איז קיינמאָל פון קיינעם נישט באַלעסטיקט געוואָרן. אָבער די „סלאַמס״ און די דאָס בלוט אויפבראַוזנדיקע בילדער פון אָרעמקייט זיינען געבליבן. אַזוי האָט זיך געפונען באַלד דאָרט, וווּ הענבורי־סטריט נייגט זיך אָפּ פון קאָמער־שויל־סטריט, אַ קליינע קירך, וועלכע איז געווען אַרומגערינגלט פון אַ געוועזענעם צמענטער, ווו מ׳האָט צו יעדער שעה פון טאָג געקאָנט זען אויף די שמוציקע בענק צענדליקער אָפּגעריסענע מענער און פרויען מיט אויסגעשמירטע, אויסדרוקסלאָזע פּנימער, וועלכע זיינען געווען פאַרנומען מיט אַראָפּקלויבן די לייז פון זייערע אויס־געצערטע קערפּערס. צוליב דעם איז אָט־דער אָנגענעמער פּלאַץ פון די אַרומיקע

איינוווינער אָנגערופן געוואָרן מיט בייסיקן הומאָר „איטשי־פּאַרק״ (פון טאַ איטש — בייסן).

אינעם אַנדערן עק פון הענבורי־סטריט, נישט ווייט פון ווייטשעפּל ראָוד, איז געווען אַ שמוציקע שענק, וועלכע האָט געהאַט דעם לייטזעליקן נאָמען „דהי שוגאַר לאָוף״ (אַ הוט פון צוקער). פון דער שענק האָט זיך געצויגן אַ שמאָלער קאָרידאָר, וועלכער האָט אַריינגעפירט אין אַ לאַנגן, נישט זייער ריינלעכן מיט זעגעכץ באַשיטן זאַל, וועלכן די יידישע חברים האָבן געהאַט אָפּגעדונגען פאַר זייערע וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען. אָט־דער אָרעמער, קוים באַלייכטער לאָקאַל, האָט נישט געהאַט קיין באַזונדערן אַריינגאַנג, אַזוי אַז די צוהערער, וועלכע פלעגן דאָרט וועלן אַריינקומען, האָבן פריער געמוזט דורכגיין פאַרביי דער דערווידערדיקער שענק, איידער זיי האָבן געקאָנט אַריינקומען אין זאַל. פאַר די יונגע פרויען, וועלכע פלעגן קומען צו יענע צונויפטרעפן, איז דאָס געווען באַזונדערס פיינלעך, מחמת די שענק איז געווינלעך געווען פול מיט גאַנץ־ אָדער האַלב־שיכורע מענער און פרויען פון די נידעריקסטע פאַלקסשיכטן, וועלכע פלעגן זייערע ווערטער דווקא נישט וועגן אויף דער גאָלדוואָג און לגבי אויסלענדער האָבן זיי דווקא נישט געזשאַלעוועט קיין היפּשע פאַרציעס אמת־חנעוודיקע און בייסיקע באַמערקונגען. ס'איז דעמאָלסט נישט געווען לייכט צו באַקומען אין יענעם פלאַץ אַ פּאַסיקן לאָקאַל פאַר רעגלמעסיקע צונויפטרעפן. האָט מען זיך דעריבער געמוזט צופרידנשטעלן מיט אָט־דעם צרהדיקן אָרט, ביז מ'וועט שפּעטער קאָנען געפינען אַ בעסערן.

אָבער ווען אַפילו דאָס פלאַץ פונעם צונויפטרעף האָט שטאַרק נישט צופרידנגעשטעלט, זיינען אָבער די צונויפטרעפן גופא געווען זייער אָנרעגנדיק. וואָס ס'האָט באַלד גערופן מיין אויפמערקזאַמקייט, איז געווען דער חילוק צווישן די צונויפטרעפן פון די יידישע חברים אין פאַריז און דידאָזיקע פאַרזאַמלונגען אינעם גרויסן געטאָ פון לאָנדאָן, וועלכע זיינען נאָטירלעך געווען פיל בעסער באַזוכט, אָבער ביכלל האָבן זיי געהאַט ווייניק בשותפותדיקס. קודם־כל האָט די דרויסנדיקע סביבה אין פאַריז געשאַפן אַן אומפאַרגלייכלעך ליבלעך בילד. דער טרעפפלאַץ פון די יידישע אַנאַרכיסטן אין פאַריז אינעם בולוואַר באַרבעס איז געווען אַ ציכטיקער, גוט־אָפּגעהיטער סאַלאָן מיט אַלע איינריכטונגען פון די פאַריזער קאַפעהייזער, וועמענס אייגנטימער האָבן תמיד אין זינען די באַקוועמלעכקייט פון זייערע געסט. מ'האָט זיך דאָרט געפילט גוט און ווען מ'איז אַהיימגעגאַנגען, האָט מען געהאַט דאָס אָנגענעמע געפיל, אַז מ'האָט פאַרברענגט עטלעכע אינטערעסאַנטע און הנאהדיקע שעהן. אויך די מענטשן גופא האָבן געמאַכט אַן אַנדערן איינדרוק. דער רוב יידישע אַרבעטער אין פאַריז זיינען געווען גוטע בעלי־מלאָכות; אַ טייל פון זיי האָט אין רוסלאַנד געהאַט באַקומען אַ בעסערע דערציונג און ערשט שפּעטער, אין פראַנקרייך, זיך אויסגעלערנט אַ מלאכה, וועלכע האָט צומאָלס פאַרלאַנגט אַ לענגערע צייט. בדרך כלל זיינען זיי געווען גוט אָנגעטאָן און אין זייער אויפפיר האָט מען ביי זיי געמערקט די לייכטע און לייטזעליקע פאָרמען פונעם פאַריזער לעבן, וועלכע ציען תיכף צו צו זיך יעדן פרעמדן. אויף די באַזוכער פון די צונויפטרעפן אין דער מיזרח־זייט פון

לאָנדאָן האָט געהויערט די נאָגנדיקע זאָרג פון דער גרויער טאָגטעגלעכקייט, דער אומאָפּלייקנבארער איינפלוס פון שווערער און שלעכט־באַצאָלטער אַרבעט, וועלכע איז קוים געגנוג צו באַפרידיקן אַפילו די באַשיידנסטע באַדערפעניש.

איך דערמאָן זיך נאָך היינט דעם שווערן איינדרוק, וועלכן איך האָב באַקומען, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען צו די וועכנטלעכע צונויפטרעפן אין שוגאַר לאָוף; פון די בלייכע פּנימער פון די אויף די רויע הילצערנע בענק געדיכט צונויפגעקוועטשטע מענטשן האָט מען געקאָנט אַראָפּלייענען די אייביקע נויט; פּנימער, וועלכע האָבן צוליב דער שוואַכער באַלייכטונג פונעם חרובן זאַל אויסגעזען נאָך בלאַסער ווי זיי זיינען געווען. אָבער דידאָזיקע פאַרהאָרעוועטע צוהערערשאַפט איז מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט נאָכגעגאַנגען דעם רעדנערס אויספירונגען און אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט אינעם האַרטן געראַנגל פונעם לעבן נאָך נישט געהאַט פאַרלוירן איר גייסטיקע שפּאַנונגסקראַפט. פונקט ווי אין פּאַריז איז אויך דאָ צווישן די באַזוכער געווען אַ היפּשע צאָל יונגע פרויען און מיידלעך, און זיי האָבן אַרויסגעוויזן דעמזעלביקן אינטערעס ווי די מאַנספּערשוינען צו די פּראָבלעמען, וועלכע זיינען ביי די צונויפטרעפן געלופטערט געוואָרן. דאָס, וואָס האָט צום שטאַרקסטן גערופן מיין אויפמערקזאַמקייט, איז געווען די טיפע ערנסטקייט אויף דידאָזיקע צומאָלס צאַרטע און אויסדרוקפולע פּנימער, און דאָס איז געווען אַ סימן, אַז זיי האָבן זיך שוין אין זייערע פריסטע יוגנט־יאָרן באַקענט מיט דער האַרטער ווירקלעכקייט פונעם לעבן. דאָס איז אינדעראמתן געווען אַ גייסטיקע אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט זיך יעדע וואָך צונויפגעטראָפן אין אָט־דעם אָרעמען זאַל, און דורך איר אומדערמידלעכער טעטיקייט בהדרגהדיק געשאַפן אַ באַוועגונג, וועלכע פאַרקערפערט מיט זיך איינס פון די אינטערעסאַנטסטע קאַפּיטלען פונעם פרייהייטלעכן סאָציאַליזם.

# דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין לאָנדאָן

אין יולי 1896 איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַ־ליסטישער אַרבעטער־קאָנגרעס. דאָס איז געווען דער פערטער צונויפקום פון דעם מין פון זינט די צוויי פאַריזער קאָנגרעסן אין יולי 1889. פונקט ווי אויף די צוויי פריערדיקע צוזאַמענקומען, אין בריסל (1891) און ציריך (1893), האָט אויך אויף דעם איצטיקן קאָנגרעס געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל דער עינין וועגן דעם צולאָזן די אַנאַרכיסטן און אַנדערע ריכטונגען, און איז געווען אַ סיבה פון שטאַרקע חילוקי־דעות. אין משך פון די לעצטע פינף יאָר זיינען אין די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען פון אייראָפּע פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען, וועלכע האָבן זיך אויך אויפן לאָנ־דאָנער קאָנגרעס געלאָזט שטאַרק מערקן. אַ סך פון די היינטיקע יינגערע חברים, וועלכע זיינען בלויז פונאויבנאויפיק באַקאַנט מיט די דעמאָלסטיקע געשעענישן, וועט עס מיסתמא זיין שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס די אַנאַרכיסטן האָבן דעמאָלסט געלייגט אַזוי פיל ווערט אויפן אומשטאַנד צו זיין פאַרטראָטן אויף יענע צונויפ־קומען, וואָרום זיי האָבן דאָך בשום אופן נישט געקאָנט דערוואַרטן צו קאָנען האָבן אַ וואָסערן ס'איז אָנגעזעענעם איינפלוס אויף זייערע רעזאָלוציעס. אינדעראמתן אָבער איז דאָך דער עינין געווען אַביסל אַ טיפערער. פון זינט די טעג פונעם ערשטן „אינטערנאַציאָנאַל" ביז צום יאָר 1889 זיינען מער נישט פאָרגעקומען קיין אַלגע־מיינע סאָציאַליסטישע צוזאַמענפאָרן. דער אַזויגערופענער וועלטקאָנגרעס אין גענף (1877) איז בלויז געווען דער אָפּקלאַנג פון אַן עלטערן פעריאָד און ער האָט דעריבער נישט געהאַט קיין שום פּראַקטישן באַטייט פאַר דער צוקונפט. ערשט מיט דיביידע קאָנגרעסן אין פאַריז האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל. אַ נייער „אינטערנאַציאָ־נאַל" איז געבוירן געוואָרן, וועלכער האָט לכל הדעות געהאַט אַ זייער קליינעם שייכות מיט די לכתחילהדיקע שטרעבונגען פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז בעיקר געווען אַ צונויפנעם פון פּאָליטישע אַרבעטערפּאַרטייען, וועמענס פּראַקטישע אַקטיוויטעט האָט זיך כימעט אויסשליסלעך באַגרענעצט אויף דער מיטאַרבעט אין די בורזשואַזע פּאַרלאַמענטן, און פון פּראָ־פּעסיאָנעלע פאַרבאַנדן, וועלכע זיינען על־פּי־רוב באַיינפלוסט געוואָרן פון דידאָזיקע פּאַרטייען. אין דער צייט פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן, חוץ די בלאַנקיסטן אין פראַנקרייך און די לאַסאַלאַנער און אייזענאַכער אין דייטשלאַנד, נאָך נישט עקזיס־טירט קיין סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אַפילו די דערמאָנטע האָבן זיך נאָך געפונען אין זייערע ערשטע התחלות. די בלאַנקיסטן און לאַסלאַנער האָבן זיך, אגב,

באַצויגן מיט אַן אויסדריקלעכער שינאה צו די שטרעבונגען פונעם ערשטן אינטער־נאַציאָנאַל, בעת פון די אייזענאַכערס האָט בלויז אַ קליינער טייל באַלאַנגט צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטעראַסאָסיאַציע ווי ווירקלעכע מיטגלידער. דורך דער שאַפונג פונעם דייטשן רייך נאָך דער זיגערישער מילחמה מיט פראַנקרייך האָט זיך דער פּאָליטישער שווערגעוויכט פונעם קאָנטינענט אַריבערגעוואָרפן קיין דייטש־לאַנד, אַ זאַך, וואָס האָט נישט געקאָנט בלייבן אָן אַ ווירקונג אויף דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער אייראָפּעישער אַרבעטערבאַוועגונג. די גרויסע וואַל־דערפאָלגן פון דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, וועלכע האָבן אַרויסגערופן איבעראַשונג אומעטום אין דער גאַנצער וועלט, האָבן אויך מחוץ די דייטשע גרענעצן באַקומען אַן אָפּקלאַנג און גורם געווען אינעם רוב לענדער די גרינדונג פון פּאָליטישע אַרבע־טערפּאַרטייען, וועלכע זיינען גאָר שטאַרק אָנגערעגט געוואָרן דורכן ביישפּיל פון דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטיע.

וואָלטן די קאָנגרעסן פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל נישט געווען פאַרלייקנט זייער אייגנטלעכן כאַראַקטער און וואָלטן זיי זיך געווען אַרויסגעשטעלט ווי דאָס, וואָס זיי זיינען אינדערעמתן געווען, — אינטערנאַציאָנאַלע צונויפפאָרן פונעם פאַר־לאַמענטאַרישן סאָציאַליזם און סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטייען, דעמאָלסט וואָלטן די אַנאַרכיסטן זיכער געווען די לעצטע, וועלכע וואָלטן געווען פאַרלאַנגט דאָרט צו־געלאָזן צו ווערן. אָבער דאָס, וואָס יענע צונויפפאָרן האָבן זיך אַרויסגעשטעלט ווי אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע אַרבעטערקאָנגרעסן, איז עס געווען אַ בכיוונדיקע אָפּנאַרונג פון דער עפנטלעכער מיינונג, אויב מ׳האָט פאַרווערט די באַטייליקונג פון באַשטימטע שיטות אינעם סאָציאַליזם. אויך די אַנאַרכיסטן זיינען דאָך סוף־כל־סוף סאָציאַליסטן, מחמת זיי האָבן באַקעמפט דעם מאָנאָפּאָליזם אין דער עקאָנאָמיע און געשטרעבט צו אַ חברלעכער פאָרעם פון דער מענטשלעכער אַרבעט, וועלכע זאָל זיין באַזירט אויף דער באַפרידיקונג פון דער באַדערפעניש פון אַלעמען און נישט אויפן פּראָפיט פון קליינע מינדערהייטן. ס׳האָט אויך קיינער נישט געקאָנט לייקענען, אַז דער גרויסער רוב פון די אַנאַרכיסטן אין די פאַרשידענע לענדער האָט באַלאַנגט צו דער אַרבעטערשאַפט.

דער קאָנגרעס אין ציריך האָט טאַקע אָנגענומען אַ באַשלוס, לויט וועלכן עס האָבן געדאַרפט צוגעלאָזן ווערן צו אַלע שפּעטערדיקע אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענ־פאָרן נאָר פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און, חוץ זיי, נאָר אַזעלכע ריכטונגען פונעם סאָציאַליזם, וועלכע אָנערקענען די נויטווענדיקייט פון דער פּאָליטישער אַקציע. אָבער דידאָזיקע רעזאָלוציע האָט פּאַקטיש גאָרנישט באַטייט. אויך די אַנאַר־כיסטן זיינען קיינמאָל נישט געווען קיין קעגנער פון דער פּאָליטישער אַקציע אין כלל גענומען; זיי האָבן בלויז אָפּגעוואָרפן אַ באַשטימטע פאָרעם פון אָט־דער אַק־ציע, — די פּאַרלאַמענטאַרישע טעטיקייט. דערמיט, וואָס דער אַנאַרכיזם גופא איז אויסן געווען די באַזייטיקונג און אויסשליסונג פון אַלע מלוכהשע שטרעבונגען צו מאַכט פונעם לעבן פון דער געזעלשאַפט, איז ער דערפאַר געווען אַן אָנגעזעענע סאָציאַלע און פּאָליטישע אידעע. די אַנאַרכיסטן האָבן אויך קיינמאָל נישט אָפּגע־

וואָרפן דעם קאַמף פאַר דער באַשיצונג פון באַשטימטע פּאָליטישע רעכטן און פריי־הייטן און טאַקע גאַנץ אָפט אוועקגעגעבן אַלע זייערע כוחות אין אַזעלכע קאַמפן קעגן דער רעאַקציע.

דאָס, וואָס די ציריכער רעזאָלוציע האָט דערלויבט די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען ווי אַזעלכע די באַטייליקונג אין די קאָנגרעסן, האָט דעם עיקר געמאַכט נאָך פאַר־וויקלטער, נאָך פאַרפלאָנטערטער ווי ער איז עס שוין געווען אויך אָן דעם. די גרויסע ענגלישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט אין יענער צייט נישט געהאַט קיין שום באַציונגען מיט וועלכער־ס'איז פּאָליטישער פּאַרטיי און זי האָט באַטראַכט די באַ־טייליקונג אין די וואַלן ווי אַ פּריוואַטע אָנגעלעגנהייט פון אירע מיטגלידער, מחמת די בריטיש לייבאָר פּאַרטי האָט זיך באַוויזן אין דער עפנטלעכקייט ערשט דריי יאָר נאָכן לאָנדאָנער קאָנגרעס. די איבערוועגנדיקע צאָל פון די שפּאַנישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן זיך פון זינט תמיד אַרויסגעשטעלט פאַרן אַנאַרכיזם, בעת שפּאַניעס סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אַרומגענומען בלויז אַ קליינע מינדערהייט פון דער שפּאַנישער אַרבעטערבאַוועגונג. אויך אין איטאַליע, פּאָרטוגאַל, האָלאַנד און אַנדערע לענדער זיינען געווען באַשטימטע ריכטונגען אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וועלכע האָבן פּרינציפּיעל אָפּגעוואָרפן די פּאַרלאַמענטאַרישע אַקטיוויטעט. אין פראַנקרייך האָט זיך פּונקט אין יענער צייט, אונטער דער השפעה פון די אַלמאַניסטן און אַנאַרכיסטן אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, געמאַכט באַמערקבאַר אַ שטאַר־קע אַנטיפּאַרלאַמענטאַרישע טענדענץ, וועלכע האָט מיט איניקע יאָר שפּעטער דערפירט צו דער גרינדונג פון דער „קאָנפעדעראַסיאָן זשענעראַל די טראַוואַי“, און זי איז אין אַ קורצער צייט אַרום געוואָרן די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציע פונעם פראַנ־צויזישן אַרבעטערקלאַס; און טאַקע דערפאַר, ווייל זי איז אויסן געווען אַ סאָציאַ־ליסטישע איבעראַנדערשונג פון דער געזעלשאַפט, האָט זי אָפּגעוואָרפן יעדן מין מיטאַרבעט מיט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אַ היפּשע צאָל פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער דעמאָלסטיקער פראַנצויזישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אַזעלכע ווי פּעלוטיע, פּוזשע, זשיראַר, טאַרטעליע, איוועטאָ, דעלעסאַל און אַ סך אַנדערע, זיינען געווען בפירושע אַנאַרכיסטן. און טאַקע דווקא די האָפענונגסלאָזע צעשפּליטערונג פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן פון יענער צייט איז עס געווען דער פאַקטאָר, וועלכער האָט במשך פון אַ סך יאָרן צום שטאַרקסטן געשטערט די עקאָנאָמישע איינהייט פון דער פראַנצויזישער אַרבעטערשאַפט און וועלכע האָט צום שטאַרקסטן געפעדערט די אַנטיפּאַרלאַמענטאַרישע שטרעבונגען פון די פּראָפעסיאָ־נעלע פאַריינען.

צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער אומשטאַנד, וואָס אין די סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען פון אַ סך לענדער איז פאָרגעקומען אַן אינערלעכער איבערקער. פון איין זייט האָט עדוואַרד בערנשטיינס און זיינע אָנהענגערס רעוויזיאָניזם שוין געלאָזט מערקן זיינע שאָטנס; פון דער אַנדערער זייט זיינען כימעט אין יעדן לאַנד געווען באַשטימ־טע ריכטונגען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועלכע האָבן שוין געהאַט פאַר־לוירן די אמונה אין דער ווירקזאַמקייט פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט און

זיך אָנגעהויבן פאַרטראַכטן וועגן אַנדערע, וועגן נייע וועגן. דאָס אויסשליסן די יונגע אויפן סאָציאַלדעמאָקראַטישן פאַרטייצוזאַמענפאָר אין ערפורט (1891) האָט באַדייטנ־דיק געהאָלפן אין דער אַנטוויקלונג פון אָט־די שטרעבונגען אין די פאַרשידענע לענדער.

אין האָלאַנד האָט די גרויסע מערהייט פון דער אַלטער סאָציאַליסטישער פאַרטיי געשאַפן אַ נייע אָרגאַניזאַציע, דעם „סאָציאַליסטענבאַנד", וועלכע האָט, אונטער דער פירונג פון פ. דאָמעלאַ ניווענהויז און קריסטיאַן קאָרנעליסען, פאַרטראָטן אָפן־קלאָרע אַנטיפּאַרלאַמענטאַרישע שטרעבונגען און געהאַט אין איר רשות אַן אויס־געצייכנטע פרעסע אין אַלע טיילן פונעם לאַנד. די „סאָציאַליסטישע אַרבעטערפּאַר־טיי האָלאַנדס", וועלכע איז ברייטהאַרציק געשפּייזט געוואָרן פון די פאָנדן פון דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, האָט דעמאָלסט פאַרטראָטן בלויז אַ קליינע מינדער־הייט פון דער האָלענדישער אַרבעטערבאַוועגונג. אין פראַנקרייך, ווו די סאָציאַליסטן פון יענער צייט זיינען געווען געשפּאָלטן אין אַ האַלב טוץ פאַרשידענע פּאַרטייען, האָבן די אַלמאַניסטן געהאַט לגמרי אָפּגעוואָרפן די פּאַרלאַמענטאַרישע טעטיקייט און פאַרלייגט דאָס הויפּטגעוויכט פון זייער פּראָפּאַגאַנדע אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אין איטאַליע האָבן זיך, באַזונדערס אין ראָמאַניאַ און אין דרום פון לאַנד, געלאָזט מערקן שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע שטרעמונגען אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי גופא, שטרעמונגען, וועלכע זיינען אָפט געוואָרן שטאַרק אומבאַקוועם פאַר די פּאַרלאַמענטאַרישע פירער. אויך אין בעלגיע, אין דער שווייץ און אין דענעמאַרק זיינען געווען קליינע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, וועלכע זיינען געשטאַנען נאָענט צו די טענדענצן פון די יונגע אין דייטשלאַנד. עס זיינען, בכן, געווען גענוג אינעווייַ־ניקסטע חילוקי־דעות, וועלכע האָבן געמאַכט פאָרויסזען שטאַרקע רייבונגען. פונ־דעסטוועגן האָט דער קאָנגרעס אַלצאיינס געבערענגט אָן אַ שיער איבעראַשונגען, וועלכע קיינער האָט נישט געקאָנט פאָרויסזען.

איך האָב שוין אויפן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין בריסל (1891) געהאַט באַקומען איינדרוקן, וועלכע האָבן שטאַרק אַנטוישט מיינע יוגנטלעכע אילוזיעס. אָבער דאָס, וואָס איך האָב דאָ איצט צוגעזען, האָט אוועקגעשטעלט אין שאָטן אַלץ, וואָס האָט נאָר געקאָנט צוגעטראַכט ווערן בנוגע שינאהדיקער רישעות און פאַרגוואַל־טיקונג פון יעדער מיינונגספרייהייט איבערהויפּט. ווי שטענדיק, האָבן זיך אויך אין לאָנדאָן די דייטשן אויסגעצייכנט דורך זייער ממש־חרפּהדיקער אומטאָלעראַנץ, וועל־כע איז נישט געמינערט געוואָרן דורך דער מינדסטער פאַרשטענדעניש פאַרן כאַ־ראַקטער און געוווינהייטן פון אַנדערע פעלקער. אפילו דער זאָרגפעליק און אָפּגעהיט־אַרומגעפּוצטער קאָנגרעס־באַריכט האָט דעמדאָזיקן איינדרוק נישט געקאָנט פאַר־ווישן.

צווישן די בערך זיבן הונדערט פופציק דעלעגאַטן איז געווען אַ היפּשע צאָל אַנאַרכיסטן און פאַרשטייער פון אַנדערע פרייהייטלעכע ריכטונגען פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע, שפּאַניע, האָלאַנד, שווייץ, דענעמאַרק און דייטשלאַנד, מיט וועלכע דער קאָנגרעס האָט זיך, ווילנדיק צי נישט ווילנדיק, געמוזט פאַרנעמען, איי־

דער ער האָט געקאָנט אָנהייבן די אייגנטלעכע באַראַטונגען. אַזוי האָט מאַלאַטעסטאַ באַקומען דעם מאַנדאַט צו פאַרטרעטן אַ היפּשע צאָל פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון שפּאַניע, איטאַליע און פראַנקרייך, צווישן זיי אויך אַ מאַנדאַט פונעם סינדיקאַט פון די איטאַליענישע אייזנבאַנאַרבעטער, וועלכער האָט אין זיינע רייען געהאַט מער מיטגלידער ווי די גאַנצע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון שפּאַניע. פון די דרייצן דעלעגאַטן פון האָלאַנד האָבן נאָר צוויי אָדער דריי באַלאַנגט צו דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבעטערפּאַרטיי, בעת דער רעשט איז געווען דעלעגאַטן פונעם „סאָציאַליסטענבאָנד" און פון די פאַראייניקטע פּראָפאַריינען, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אינעם „נאַציאָנאַלן אַרבעטער־סעקרעטאַריאַט". פון די צוואַנציק איטאַליענישע דעלעגאַטן זיינען געווען צען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון איטאַליע און צען אַנאַרכיסטן, צווישן זיי ערריקאָ מאַלאַטעסטאַ און פּיעטראָ גאָרי, וועלכע האָבן חוץ אַנאַרכיסטישע גרופּן אויך פאַרטראָטן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. פון פראַנקרייך האָבן זיך פּרעזענטירט איבער הונדערט דעלעגאַטן. דער רוב פון זיי איז געווען פאַרטרעטער פון פּראַנצויזישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און פון די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, וועלכע האָבן כימעט כסדר געשטימט קעגן דער מערהייט פונעם קאָנגרעס. דידאָזיקע פראַנצויזישע דעלעגאַציע האָט ספּעציעל די דייטשן אָנגעמאַכט אַ סך קאָפּווייטיק; ס'איז, קאָנטיק, פאַר די דייטשן געווען אומבאַגרייפלעך, אַז ס'קאָנען זיין סאָציאַליסטן, וועלכע זאָלן נישט זיין קיין בעלנים זיך אַריינצופּאַסן אין דער אָריענטאַציע פון דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטיע און נישט וועלן פאַרשטיין, אַז זייער פּאַרטיי, די דייטשע, איז די „גרויסע לערערקע פונעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם", ווי דאָס איז אַזוי אָפּט איינגערעדט געוואָרן די דייטשע אַרבעטער.

צום שטאַרקסטן איז נאַטירלעך געווען פאַרטראָטן ענגלאַנד. אָבער ס'איז ביז צום היינטיקן טאָג פאַרבליבן אַ סוד, אויף וועלכן אופן דידאָזיקע מאַנדאַטן זיינען באַשאַפן געוואָרן. אַזוי, למשל, איז די „סאָציאַל דעמאָקראַטיק פעדעריישאָן", וועלכע האָט דעמאָלסט אין גאַנץ ענגלאַנד געהאַט אַרום און אַרום קוים פיר טויזנט מיטגלידער, געווען פאַרטראָטן מיט איבער הונדערט דעלעגאַטן, בעת די „אינדעפּענדענט לייבאָר פּאַרטי", אין יענער צייט ענגלאַנדס שטאַרקסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, מיט אַ מיטגלידער־באַשטאַנד פון איבער פערציק טויזנט, האָט געהאַט ווייניקער מאַנדאַטן ווי די „ס. ד. פ. פון די אַנדערע לענדער האָבן בלויז עסטרייך, בעלגיע און די שווייץ געהאַט גרעסערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. חוץ די דערמאָנטע איז נאָך די באַוועגונג אומעטום געווען אין התחלהדיקן צושטאַנד און איז געווען פאַרטראָטן בלויז מיט ווינציק דעלעגאַטן פון יעדן לאַנד. אָבער דווקא אָט־די דעלעגאַטן האָבן ביי אַלע אָפּשטימונגען יעדעס מאָל דערפירט צו דער אַנטשיידונג און איבערגעוויגן די וואָגשאָל.

פאַר דער דערעפענונג פונעם קאָנגרעס איז זונטיק, דעם 26טן יולי, פאָרגעקומען אַ שלום־מאַניפעסטאַציע, וועלכע האָט געזאָלט פאַרענדיקט ווערן מיט אַ מאַסנפאַרזאַמלונג אין היידפּאַרק. אָבער פּונקט אין מאָמענט, ווען די ערשטע גרופּן האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען אין פּאַרק, האָט אָנגעהויבן גיסן איבער לאָנדאָן אַ רעגן ווי אַן

אמתער וואָלקנבורוך, וועלכער האָט דעם רוב פון די אָנטיילנעמער געמאַכט אַנטלויפן, אַזוי אַז די צוועלף רעדנערטריבונעס זיינען געווען אַרומגערינגלט בלויז פון וויניק מענטשן, וועלכע זיינען זיך ביסלעכווייז אויך פונאַנדערגעלאָפן, מחמת דאָס שלעכטע וועטער האָט נישט אויפגעהערט. בלויז די אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן זיך געהאַט פאַרזאַמלט אין פאַרק אונטערן אַזויגערופענעם „רעפאָרמערס טרי״, האָבן אויסגעהאַלטן און דורכגעפירט זייער מאַניפעסטאַציע ביז צום סוף. ווען מיר האָבן לסוף פאַרלאָזט דעם פאַרק, זיינען מיר אַלע געווען דורכגענעצט ביז צו דער הויט.

צומאָרגנס איז דער קאָנגרעס דערעפנט געוואָרן אינעם „קינס האָל״. אויף דער רעדנער־טריבונע פונעם רחבותדיקן זאַל איז געווען אָוועקגעשטעלט אין איינזאַמער גרויסקייט אַן איילבילד פון קאַרל מאַרקס, אַרומגענומען מיט בלומען. דאָסדאָזיקע איינציקע בילד איז דווקא געווען סימבאַליש פאַר דער גייסטיקער ענגהאַרציקייט פון די אָרגאַניזירער פונעם קאָנגרעס. ס׳האָט דאָך געמעגט איינפאַלן, אַז דער איינפאַכער חוש פאַר טאַקט האָט געדאַרפט עצהן דידאָזיקע מענטשן צו באַשטימען כאָטש אַ קליין שטיקל פלאַץ פאַר ראָבערט אָוען, דעם גרויסן פיאָנער פונעם ענגלישן סאָציאַליזם, מחמת דווקא אָוען האָט צום שטאַרקסטן באַווירקט אַלע צווייגן פון דער סאָציאַלער באַוועגונג אין זיין לאַנד, בעת מאַרקס, נישט געקוקט אויף זיין לאַנגיעריקן אויפהאַלט אין ענגלאַנד, האָט קיינמאָל נישט געהאַט דעם מינדסטן איינפלוס אויף דער ענגלישער אַרבעטערבאַוועגונג און נאָכן האַגער קאָנגרעס (1872), וועלכער האָט דערפירט צו דער אָפענער שפּאַלטונג פונעם „ערשטן אינטערנאַציאָנאַל״, האָט ער געלעבט אין בפירושער פיינטשאַפט מיט אַלע באַקאַנטע פירער פון דער ענגלישער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אָבער די אָרגאַניזאַטאָרס פונעם קאָנגרעס האָבן אפנים געהאַלטן, אַז אַ קליינעם אוטאָפּיסט קומט נישט אַזאַ אויסצייכענונג אויף דערדאָזיקער דערהויבענער מאַניפעסטאַציע פונעם ווּיסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

די וויכטיקסטע פראַגע, וועלכע דער קאָנגרעס האָט געהאַט צו באַהאַנדלען פריער פון אַלץ, איז געווען דאָס צולאָזן די אַנאַרכיסטן און אַנדערע אַנטיפאַרלאַמענטאַרישע ריכטונגען. דער באַשלוס פונעם ציריכער קאָנגרעס וועגן אָט־דעם פונקט איז געווען אַזוי אומקלאָר פאָרמולירט, אַז יעדער איינער האָט זיך זי געקאָנט אויסטייטשן אויף זיין אייגענעם אופן. מ׳האָט טאַקע די אַנאַרכיסטן אויפן סמך פון דערדאָזיקער רעזאָלוציע אויסגעשלאָסן פונעם צונויפפאָר אין ציריך, אָבער די שטימונג צווישן די פראַנצויזן, בעלגיער, האָלענדער און אַנדערע איז שוין דעמאָלסט געווען אַזוי שטאַרק געררייצט, אַז מ׳האָט זיך געפילט געצוווּנגען אָנצוטשעפּען צו דער ערשטער רעזאָלוציע נאָך אַ צוגאָב, וועלכער איז דעמאָלסט אַריינגעטראָגן געוואָרן פון בעבעל, קאַוטסקי, אַדלער און אייניקע אַנדערע, און זי איז אָנגענומען געוואָרן פון דער מערהייט פונעם ציריכער קאָנגרעס. אין אָט־דעם צוגאָבפּאָרלייג איז צווישן אַנדערע אַרגומענטן געזאָגט געוואָרן:

„דער צוגאָבפאָרלייג וויל בשום אופן נישט באַדייטן, אַז יעדער, וועלכער קומט צום קאָנגרעס, איז זיך מחייב דורכצופירן די פאָליטישע אַקציע ביי אַלע אומשטענדן אין יעדן פרט פון אונדזער דעפיניציע. ער פאַרלאַנגט בלויז די אָנערקענונג פון די רעכט פון די אַרבעטער־

אויסנוצן אַלע פּאָליטישע רעכטן פון זייער לאַנד לויט זייער איינזען פאַר דער פאַרבעסערונג פון די אינטערעסן פונעם אַרבעטערקלאַס און זיך צו קאָנסטיטואירן ווי אַ זעלבסטשטענדיקע אַרבעטערפּאַרטיי״.

ס׳איז געווען באַשיימפּערלעך, אַז מ׳האָט דעמאָלסט געמאַכט דעמדאָזיקן צוגאָב בלויז מיט דער כוונה, כּדי זיך צו פאַרזיכערן מיט דער באַטייליקונג פון די פּראָ־פעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס אין אַזעלכע צוזאַמענפאָרן, ווייל אַן זיי וואָלט מען דאָך נישט געקאָנט רעדן וועגן אַן אַרבעטערקאָנגרעס. אין אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אַן אויסנאַמען זיינען געווען אָנגעהעריקע פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, וועל־כע האָבן נישט באַלאַנגט צום אַרבעטערקלאַס, אָבער זיי האָבן זיך צוגעשטעלט צום סאָציאַליזם אויפן סמך פון זייער איבערצייגונג. צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אָבער קאָנען באַלאַנגען נאָר אַרבעטער, אַזוי אַז די אייגנטלעכע אַרבעטערבאַוועגונג קאָן, לאָגישערווייז, פאַרטרעטן ווערן נאָר פון זיי גופא. „קיין שום אַנאַרכיסט, ווי גוסטאַוו לאַנדאַוער האָט זייער ריכטיק באַמערקט ביי דער פאַרטיידיקונג פון זיין מאַנדאַט אויפן לאָנדאָנער קאָנגרעס, איז קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, צו נעגירן אַנדערע סאָ־ציאַליסטישע ריכטונגען דאָס רעכט צו אַקטואירן אויפן פּאַרלאַמענטאַרישן געביט. וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט, איז געווען רק דאָס רעכט צו האָבן אַן אַנדערע מיינונג וועגן דער צוועקמעסיקייט פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַקטיוויטעט. באַקונין און זיינע אָנהענגער האָבן שוין דעמדאָזיקן צוגאַנג געהאַט פאַרטראַטן אין זייערע חילוקי־דעות מיט די מאַרקסיסטן, אַזוי אַז ס׳קאָן אין דעם עניין לחלוטין נישט גערעדט ווערן וועגן אַ פאַלשן אויסטייטש.

די אַנאַרכיסטן און אַנדערע אַנטיפּאַרלאַמענטאַרישע ריכטונגען איז דעריבער בלויז געגאַנגען אין דעם, אַרויסצובריינגען אַ קלאָרע אַנטשיידונג וועגן דעם אייגנט־לעכן זין פון דער ציריכער רעזאָלוציע. צו אַזאַ אַנטשיידונג האָבן די דייטשן און זייערע פּיליאַלן אין אויסלאַנד בשום אופן נישט געוואָלט דערלאָזן. די דייטשע דעלע־גאַציע האָט דעריבער באַלד נאָך דער דערעפענונג פונעם קאָנגרעס פאַרגעלייגט, אַז דער פונעם קאָנגרעסקאָמיטעט אויסגעאַרבעטער סדר־היום זאָל אָנגענומען ווערן אַזוי ווי ער גייט און שטייט, וואָס אַזוי אַרום וואָלט נאַטירלעך געשטערט געוואָרן יעדע דעבאַטע וועגן דעם באַשלוס נישט צוצולאָזן וועמען מ׳וויל נישט צולאָזן. נאָר דורך דעם ענערגישן פּראָטעסט פון די פּראַנצויזן, האָלענדער און אַ סך ענגלישע דעלעגאַטן האָט אָט־דער כיטרער מאַנעוור געקאָנט דערפירט ווערן צום דורכפאַל, האָט נאָכדעם דער קאָנגרעס, אויפן פאָרלייג פון די דייטשן, אָנגענומען דעם באַ־שלוס, אַז דערדאָזיקער עניין מוז דערליידיקט ווערן באַלד אין ערשטן טאָג פונעם קאָנגרעס, אַ פאָרלייג, וועלכער האָט בשום אופן נישט געקאָנט דורכגעפירט ווערן.

די כסדרדיקע פּרוּוון פון די דייטשן אָפּצופּטרן אָט־דעם אומבאַקוועמען עניין דורך אַ פּשוטן באַשלוס פון דער מערהייט, האָט שוין באַלד דעם ערשטן טאָג גורם געווען אַ סך בייז בלוט און דערפירט צו היציקע וויכוחים, וועלכע מ׳האָט לייכט געקאָנט אויסמיידן, מחמת ס׳האָט זיך דאָך געהאַנדלט בלויז וועגן דעם עניין, צי

דער ציריכער באַשלוס דאַרף גילטיק זיין מיט אָדער אָן בעבעלס צוגאָברעזאָלוציע. דער עיקר איז קאָמפּליצירט געוואָרן נאָך דערפֿאַר, ווייל אָט־דער צוגאָב בעבעלס איז געווען פֿאַרעפֿנטלעכט נאָר אין דער דייטשער אויסגאַבע פֿונעם ציריכער קאָנגרעסבאַריכט, בעת אין דער ענגלישער און פֿראַנצויזישער האָט ער געפֿעלט. איז בעבעלס צוגאָבפֿאָרלייג געווען גילטיק — און דאָס איז דאָך בלי שום ספק אַזוי געווען, מחמת ער איז פֿונעם ציריכער קאָנגרעס אָנגענומען געוואָרן — אין דעם פֿאַל איז דער קאָנגרעס געווען אָפֿן פֿאַר אַלע סאָציאַליסטישע ריכטונגען. און נאָר וועגן דעם איז עס געגאַנגען. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז בעבעל, וועלכער איז געווען אויפֿן לאָנדאָנער קאָנגרעס, האָט זיך פֿאַרשלאָסן אין טיפֿסטן שווייגן און זיך נישט געוואָלט אַרויסזאָגן וועגן זיין אייגענעם צוגאָב, נישט געקוקט אויף די אויפֿפֿאָדערונגען פֿון ענגלישע, פֿראַנצויזישע און האָלענדישע דעלעגאַטן. דער גאַנצער צוגאָב איז דאָך געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַן אומשטענדלעכער, אַ בכיוונדיקער פֿאָרלייג, ביכדי דעמאָלסט איינצושטילן די אויפֿגעברויזטע געמיטער, אַ פֿאָרלייג, וועלכן מ׳האָט דערנאָך אָפּגערוקט אין אַ זייט, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעטאָן זיינס און דערגרייכט זיין צוועק.

ביי דער נאָכמיטיקדיקער זיצונג איז דער טומל געוואָרן אַזוי גרויס, אַז דער ענגלישער פֿאָרזיצער, קאָווי, האָט געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו מאַכן אַ דערקלערונג, אַז דער אייגנטימער פֿונעם זאַל האָט געסטראַשעט מיט הייסן אָפּליידיקן דעם לאָקאַל, אויב מ׳וועט זיך נישט באַמיען צו האַלטן רואיקער. אויף יענער זיצונג איז געקומען צו אַ גאַנץ פֿאַרדריסלעכן פֿאָרפֿאַל, וועלכער האָט באַזונדערס גאָר שטאַרק אויפֿגערעגט די ענגלישע דעלעגאַטן. ווען דער פֿראַנצויזישער דעלעגאַט דעלעסאַל האָט בשעת דעם שטאַרקסטן ליאַרעם זיך גענומען צוגיין צו דער רעדנערטריבונע, ביכדי איבערצוגעבן דעם פֿאָרזיצער אַ געשריבענעם פֿאָרלייג, איז ער פּלוצים אָנגעכאַפּט געוואָרן פֿון איינעם אַ געוויסן בואיליאָן, אַ פֿאָרטרעטער פֿון דער פֿראַנצויזישער מינדערהייט, און אומגעשליידערט געוואָרן מיט אַזאַ האַסט, אַז ער איז געבליבן ליגן אין חלשות. אָט־דער ברוטאַלער פֿאָרפֿאַל האָט דעם ענגלישן אַנאַרכיסט טעד לעגאַט אַזוי שטאַרק אויפֿגערעגט, אַז ער האָט פֿון דער גאַלעריע אַראָפּ מיט זיין לייבנשטימע געהאַלטן פֿאַר די דעלעגאַטן אַ קורצע, אָבער שאַרפֿע פֿיליפּיקאַ אויף דער טעמע „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער פֿאַראייניקט אייך״, אַ מוסר־רעדע, וועלכע אַפֿילו דעם פּרעזידענטס גלאָק האָט נישט געקאָנט פֿאַרטויבן, אַזוי אַז דער קאָנגרעס האָט, אויף צעפּיקעניש די דייטשן, געמוזט אויסהערן די גוט־פֿאַרדינטע שטראָפֿרעדע.

דער צווייטער טאָג האָט געבראַכט נאָך גרעסערע איבעררעשונגען. די רעוויזיע פֿון די מאַנדאַטן האָט געוויזן, אַז דריי דעפּוטאַטן פֿונעם פֿראַנצויזישן פֿאַרלאַמענט, זשאָרעס, וויוויאַני און מילעראַן, זיינען געקומען אָן ספּעציעלע מאַנדאַטן, מחמת זיי האָבן פֿאַרטראָטן דעם משונהדיקן שטאַנדפּונקט, אַז פֿאַר זיי זיינען גענוג זייערע מאַנדאַטן צו דער פֿראַנצויזישער דעפּוטאַטנקאַמער. די פֿראַנצויזישע מערהייט ביים קאָנגרעס, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון בלויז אַנטיפּאַרלאַמענטאַריער, האָט אַלע דריי באַוויליקט די באַטייליקונג און דערמיט אַרויסגעוויזן אַ טאָלעראַנץ, וועלכע מ׳האָט

ביי דער מערהייט פונעם קאָנגרעס אומזיסט געזוכט. אָבער קעגן דעמדאָזיקן באַשלוס האָבן זיך אַרויסגעשטעלט מיט דער גאַנצער ענערגיע אַ סך פון די איינפלוס־רייכסטע מיטגלידער פון דער ענגלישער דעלעגאַציע און אַנדערע מיט זיי, מחמת זיי האָבן געהאַלטן, אַז מ׳טאָר קיין שום דעלעגאַט נישט געבן קיין ספּעציעלע רעכטן בלויז דערפאַר, וואָס ער זיצט אין פּאַרלאַמענט. און הגם די מערהייט פונעם קאָנגרעס האָט לסוף אָנגענומען, אַז מ׳מוז די דריי פּאַרלאַמענטאַריער צוברעכן אַ ספּעציעלע ווורשט, האָט אָבער אָט דער חנעוודיקער פּאָרפּאַל געפירט צו היציקע וויכוחים, אַזוי אַז דער עינין וועגן די באַשטימונגען וועגן יאָ אָדער נישט צולאָזן צום קאָנגרעס איז אויך דעם צווייטן טאָג נישט אַנטשיידט געוואָרן.

די אינפאָרמאַציע פון דער מאַנדאַטקאָמיסיע האָט פאַר די אַנדערע לענדער געבראַכט אָט־דעם רעזולטאַט: פון דייטשלאַנד זיינען חוץ 46 סאָציאַלדעמאָקראַטן אויך געקומען פינף אַנאַרכיסטן: לאַנדאַוער, פּאַוולאָוויטש, קאָל, קאַמפּמייער און העפּנער. צווישן די 12 דעלעגאַטן פון דער שווייץ זיינען געווען 2 אַנאַרכיסטן: רינגע פון גענף און זאַנפטלעבען פון ציריך. דענעמאַרק איז געווען פאַרטראָטן דורך זיבן דעלעגאַטן, צווישן זיי דער אַנאַרכיסט פּעטערסען, וועלכער האָט פאַרטראָטן דעם פאַריין „טאָלעראַנץ״ אין קאָפּענהאַגען. אין דער האָלענדישער דעלעגאַציע זיינען צוויי סאָציאַלדעמאָקראַטן געשטאַנען קעגן 13 אַנטיפּאַרלאַמענטאַריער; פונדעסטוועגן האָט די מערהייט אָנערקענט די צוויי מאַנדאַטן פון דער מינדערהייט אָן יעדן אָפּהאַלט. אַביסל שווערער איז געווען דער עינין מיט בעמען און איטאַליע. בעמען איז געווען פאַרטראָטן דורך צוויי דעלעגאַטן, איינער אַ סאָציאַלדעמאָקראַט און דער צווייטער אַן אַנאַרכיסט. די איטאַליענישע דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון צען פאַרטרעטער פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי און צען אַנאַרכיסטן. פונדעסטוועגן האָבן די פאָרשטייער פון דער איטאַליענישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי געהאַט גענוג טאַקטגעפיל צו דערקלערן, אַז זיי האָבן גאָרנישט וואָס אויסצוזעצן קעגן צולאָזן אַנאַרכיסטישע דעלעגאַטן פון פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, אָבער זיי וואַרפן אָפּ מאַנדאַטן פון אַנאַרכיסטישע גרופּן. אָבער אויף אַזאַ מין באַנעם האָט דער פאַרטרעטער פון שפּאַניעס סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פּאַבלאָ איגלעסיאַס, בשום אופן נישט געוואָלט איינגיין און ער האָט דעריבער פאָרגעלייגט אויך אויסצושליסן אַלע פּראָפאַריינען, וועלכע האָבן איבערגעגעבן זייערע מאַנדאַטן צו אַנאַרכיסטן. אגב, האָט אָט־דער חשובער פאָרשטייער פון דער „מיקראָסקאָפּישער פּאַרטיי״, ווי זיין ריכטונג איז דעמאָלסט אָנגערופן געוואָרן אין שפּאַניע, זייער גוט געוווּסט, אַז ס׳זיינען אין יענער צייט געווען אין שפּאַניע זייער ווייניק פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועלכע האָבן אין זייער אַני־מאמין נישט אַריינגענומען די אַנאַרכיסטישע פּרינציפּן.

דער פאָרזיצער פון דער צווייטער זיצונג פונעם זעלביקן טאָג איז געווען דער דעפּוטאַט פון דייטשן רייכסטאַג (פּאַרלאַמענט) פּאָול זינגער, וועלכער האָט געפּרוווט מאַכן דורכפאַלן די דעבאַטע וועגן דעם באַריכט פון דער מאַנדאַטנקאָמיסיע און געוואָלט באַווייזן האָט ער עס דערמיט, וואָס ער האָט אים תיכף געוואָלט שטעלן צו דער אָפּשטימונג. אַזוי ווי די שטימונג פונעם קאָנגרעס איז שוין אויך אָן דעם געווען

גענוג אָנגעצויגן, האָט אָט־דער אייגנווילליקער אויפפיר פונעם פּאָרזיצער תיכף אַרויסגערופן אַ נייעם שטורעם פון אויפברויז, וועלכן ס׳האָט נישט געקאָנט פּאַרטויבן אַפילו דער גרויסער גלאָק, — אַן אמתער גלאָק פון אַ באַנסטאַנציע. די דייטשן, עסטרייכער און זייערע אָנהענגער צווישן די אַנדערע דעלעגאַציעס האָבן געפּרווט מיט אַלע מיטלען פאַרטיידיקן זינגערס דעספּאָטישן אויפפיר, אַדאַנק וואָס דער ליאַרעם און דער געקלאַנג פונעם גרויסן פרעזידיום־גלאָק איז געוואָרן אַזוי פאַר־טויבנדיק, אַז ס׳האָט זיך אויסגעוויזן גלייך ווי מ׳וואָלט זיך געפונען אין אַ משוגעים־הויז. ביז דער צווייטער פאָרזיצער, דער באַקאַנטער ענגלישער סאָציאַליסט קעיר האַרדי, האָט לסוף באַוויזן נאָך גרויסער אָנשטרענגונג איינצושטילן דעם עולם און קלאָר צו מאַכן זיין קאָלעגע זינגער, אַז אין ענגלאַנד איז מען נישט געוווינט צו אַזאַ אָנפירונג פון געשעפטלעכע זיצונגען און אַז פאַר דער אָפּשטימונג מוז מעןביידע צדדים געבן די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן דערקלערונגען. נאָר אַזוי אַרום איז פאַר־מיטן געוואָרן די פולשטענדיקע דערשטיקונג פון דער מינדערהייט און ס׳איז גע־שאַפן געוואָרן די מעגלעכקייט, אַז מאַלאַטעסטאַ, לאַנדאַוער, זאַנפטלעבען און ביפּרט דאָמעלאַ ניווענהויז זאָלן קאָנען קומען צום וואָרט. נאַטירלעך, אַז דער אייגנווילליקער אויפפיר פונעם ערשטן פאָרזיצער האָט נישט צוגעהאָלפן הייבן דעם פרעסטיזש פונעם קאָנגרעס, ווי דאָס איז בפירוש געווען אַרויסצוזען פון די באַריכטן פון די ענגלישע צייטונגען, וועלכע האָבן זיך פיין משמח געווען מיט זינגערס ריזיקן גלאָק, מיט וועלכן ער האָט זיך מכוון געווען אַריפּצוצווינגען אויפן קאָנגרעס דייטשע דיס־ציפּלין.

ס׳איז איבעריק צו באַמערקן, אַז מאַלאַטעסטאַס, לאַנדאַוערס און דאָמעלאַ ני־ווענהויזס דערקלערונגען האָבן קוים געמאַכט אַן איינדרוק אויף דער מערהייט׳ פונעם קאָנגרעס. דאָמעלאַ ניווענהויז, וועלכער האָט זיך נאָך נישט געהאַט דער־קלערט ווי אַן אָנהענגער פונעם אַנאַרכיזם, האָט קאָנדענסירט דעם סאַמע תוך פונעם עיבין אין ווייניק ווערטער, ווען ער האָט געזאָגט:

„מיר נעגירן נישט קיין שום ריכטונג דאָס רעכט אָפּצוהאַלטן קאָנגרעסן און צו באַ־שטימען אין זייער אייגענעם זין וועמען יאָ און וועמען נישט צוצולאָזן. אָבער אין דעם פאַל מוז מען זיך אויסהיטן פון יעדער צווייפּנימדיקייט און אָפּן זיך אַרויסזאָגן וועגן וואָס ס׳גייט דאָ. דערדאָזיקער קאָנגרעס איז צונויפגערופן געוואָרן ווי אַן אַלגעמיינער קאָנגרעס פון סאָציאַליסטן. אין די פאַרבעטונגען האָט זיך נישט גערעדט נישט וועגן אַנאַרכיסטן און נישט וועגן סאָציאַלדעמאָקראַטן, נייערט בלויז וועגן סאָציאַליסטן און פּראָפעסיאָנעלע פאַריי־נען. און ס׳קאָן קיינער נישט פאַרלייקענען, אַז אַזעלכע מענטשן ווי קראָפּאָטקין, רעקלו און די גאַנצע שיטה פונעם קאָמוניסטישן אַנאַרכיזם פאַרטרעט סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. זיי אויסשליסן הייסט פשוט און פּראָסט צוגעבן, אַז דער קאָנגרעס איז פאַרגעקומען ביי אַזעלכע אומשטענדן, אַז מ׳האָט פאַרגעלייגט פאַלשע פאַקטן״.

ס׳קאָן געמאָלט זיין, אַז ביי אָט־די אומשטענדן וואָלט אפשר איצט דער עיבין וועגן דעם צולאָזן די אַנאַרכיסטן געווען דערליידיקט געוואָרן טאַקע דעם צווייטן טאָג און ס׳וואָלט ביי דער פאַרמיטיקדיקער זיצונג פונעם דריטן טאָג געווען געקאָנט

פאַרקומען די אָפּשטימונג. עס ווייזט אָבער אויס, אַז דער קאָנגרעס האָט זיך נאָך נישט געהאַט אויסגעשטעלט צו געגנוג לעכערלעכקייט. אינעם דריטן טאָג פון די געשעפּטלעכע זיצונגען האָט דער דעפּוטאַט פונעם פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט מילע־ראַן דערקלערט אין נאָמען פון דער פראַנצויזישער מינדערהייט, אַז אַזוי ווי די מערהייט פון די פראַנצויזן האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דעם צולאָזן די אַנאַרכיסטן, קאָן די מינדערהייט מיט זיי ווייטער נישט מיטאַרבעטן. מהאַי טעמה האָט ער פאַר־לאַנגט, אַז מ׳זאָל באַטראַכטן די פראַנצויזישע דעלעגאַציע ווי צוויי באַזונדערע דעלע־גאַציעס, יעדע איינע פון זיי מיט באַזונדערן שטימרעכט.

אין ערשטן מאָמענט האָט מען זיך געפילט ווי פאַרטשמיעלעט, מחמת מילעראַנס פאָרלייג איז געווען אין אַ בפירושער סתירה צו די סטאַטוטן, וועלכע דער פּאַריזער קאָנגרעס פון יאָר 1889 האָט אָנגענומען. נאָכדעם ווי די ערשטע איבערראַשונג איז אַביסל אַריבער, האָט זיך פון אַלע זייטן אויפגעהויבן אַ כוואַליע פון פּראָטעסטן. אַפילו די ביכלל אַזוי געלאַסענע ענגלענדער האָבן פאַרלוירן די געדולד און ס׳איז געקומען צו אומגלויבלעכע סצענעס. וואַנדערוועלד, וועלכער איז געווען באַקאַנט ווי איינער פון די מעסיקסטע סאָציאַליסטן פון דער בעלגישער באַוועגונג, האָט זיך אַרויסגעזאָגט מיט דער גאַנצער ענערגיע קעגן דער שפּאַלטונג פון דער פראַנצוי־זישער דעלעגאַציע, ווייל אויב אַזוי, וועט מען דאָך מוזן באַווייליקן דאָסזעלביקע רעכט אויך די האָלענדער און איטאַליענער. האָט אים דעריבער פּאָל לאַפאַרג, קאַרל מאַרקס איידעם, באַשולדיקט, אַז ער האָט פאַראַטן זייער אידעע. אַן אַנדערער מיטגליד פון דער פראַנצויזישער מינדערהייט האָט וואַנדערוועלדן אָנגערופן יעזו־איט, וועלכער אָריענטירט זיך לויט דעם ווי דער ווינט בלאָזט.

בערנאַרד ג. שאָו האָט באַלד נאָך מילעראַנס פאָרלייג פאַרלאַנגט, מ׳זאָל אַרי־בערגיין צום סדר־היום. ווען דער פאָרזיצער האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אין דעם פאַל וועלן די פראַנצויזישע מאַרקסיסטן פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס, האָט שאָו געענטפערט, אַז אויב אַזוי באַשטייט ער נאָך שטאַרקער אויף זיין פאָרלייג. דער רוב דעלעגאַטן, וועלכע האָבן געוואָלט רעדן וועגן אָט־דעם פאָרלייג, זיינען פּשוט און פּראָסט פאַרשריגן געוואָרן. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן במשך פון לאַנגע שעהן און דער ליאַרעם איז מאָמענטנווייז געווען אַזוי שרעקלעך, אַז קיינער האָט אַפילו זיין אייגן וואָרט נישט געהערט. אויף אַזאַ אופן איז צעפּאַטערט געוואָרן כימעט דער גאַנצער דריטער טאָג, ביז דער פאָרזיצער האָט לסוף באַוויזן צו לאָזן אָפּשטימען מילעראַנס פאָרלייג. קעגן דעמדאָזיקן פאָרלייג האָבן געשטימט ענגלאַנד, פראַנק־רייך, האָלאַנד, בעלגיע און איטאַליע. צום גליק פאַר די דייטשן זיינען חוץ זיי, די עסטרייכער און די שווייצער געווען נאָך פערצן אַנדערע לענדער, אַזעלכע ווי בול־גאַריע, פּאָרטוגאַל, פּוילן, רומעניע און אַנדערע, וועלכע זיינען על־פּי־רוב געווען פאַרטראָטן דורך איינעם אָדער צוויי דעלעגאַטן. אָבער אויף דעם אופן האָבן די אָפּשטימונגען קיינמאָל נישט געקאָנט דורכפאַלן, ווען אפילו די וויכטיקסטע לענדער האָבן געהאַט אַן אַנדערע מיינונג. אַזוי אַרום איז בכן פראַנקרייך צעטיילט געוואָרן אין צוויי לענדער. דאָס, וואָס די הויכפּאָליטיק האָט קיינמאָל נישט באַוויזן, דאָס האָט

דורכגעפירט די מערהייט פונעם לאַנדאָנער קאָנגרעס. מ׳האָט געקאָנט צעפּלאַצט ווערן פון געלעכטער פון אָט־דער אומווירדיקער קאָמעדיע, וועלכע איז דאָ אויפ־געפירט געוואָרן אין נאָמען פונעם סאָציאַליזם, ווען דער עינין וואָלט נישט געווען אַזוי אומענדלעך טרויעריק.

דעם פערטן טאָג איז ענדלעך פאָרגעקומען די באַזייטיקונג פון די אַנאַרכיסטן. אָבער אויך ביים איצטיקן מאָל איז עס נישט אַריבער אָן דיזעלביקע צווייִדייטיקייטן, קעגן וועלכער דאָמעלא ניווענהויז איז מיט אַ טאָג פריער געהאַט אַזוי שטאַרק אַרויס־געטראָטן. בעת דער קאָנגרעס האָט נישט געוואָגט צו טשעפּען די מאַנדאַטן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון די פראַנצויזישע און איטאַליענישע אַנאַרכיסטן, האָט ער אָבער אָנגענומען פאַבלאָ איגלעסיאַסעס פאָרלייג, לויט וועלכן צוויי שפּאַנישע אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן בלויז רעפּרעזענטירט פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון זייער לאַנד, זיינען באַזייטיקט געוואָרן פון די ווייטערדיקע זיצונגען. די האָלענדישע מער־הייט, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן אַ פולשטענדיקע פאַרשטענדעניש צו די אַנאַרכיסטן, האָט מען נאַטירלעך נישט געקאָנט אויסשליסן. אָבער פאַר די האָלענדישע אַנאַר־כיסטן איז דאָס אַלעס פאָרגעקומענע שוין געווען גענוג. נאָכדעם ווי ס׳איז פון דער קאָנגרעסמערהייט באַשטעטיקט געוואָרן די באַזייטיקונג פון די אַנאַרכיסטן, האָט דאָמעלא ניווענהויז דערקלערט אין נאָמען פון דער האָלענדישער מערהייט, אַז זי האָט שוין גאָרנישט וואָס צו טאָן אויפן דאָזיקן צונויפפאָר, וועלכער האָט פאַרלייקנט אַלע פּרינציפּן פון טאָלעראַנץ און פאַרוואַנדלט דעם סאָציאַליזם אין אַ קאַריקאַטור.

די פאָרשטייער פון דער פראַנצויזישער מערהייט וואָלטן זיך זיכער געווען אָנגעשלאָסן צו די האָלענדער, אָבער דער רובֿ פון זיי האָט געהאַט קאַטעגאָרישע מאַנדאַטן, וואָס האָט זיי נישט דערלויבט צו פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס, כּל־זמן ער וועט נישט באַלעסטיקן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועלכע זיינען פאַרטראָטן דורך אַנאַרכיסטן. אָבער פון אַזאַ באַשלוס האָט זיך דער קאָנגרעס בכיוון שטאַרק אויסגע־היט, הגם די דייטשן און זייערע נאָכגייער האָבן זיך פאַר דעם צוועק געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט. אָבער די פאָרשטייער פונעם רוב פון די אַנדערע לענדער האָבן פאַרשטאַנען, אַז מ׳טאָר דעם עינין נישט אַוועקשטעלן אויפן שאַרף פונעם מעסער.

נאָכדעם ווי דער קאָנגרעס האָט נוצלאָז צעפּאַטערט פערטהאַלבן טעג און זיך טאַקע אינאיינוועגס בלאַמירט אויף אַזאַ אופן ווי דאָס האָט מיסתּמא נישט פּאַסירט מיט קיין שום אַנדערן פון אַזעלכע צוזאַמענפאָרן, זיינען אים נאָך פאַרבליבן קוים צוויי טעג, ביכדי אַרומצורעדן די וויכטיקסטע פּונקטן לפּחות, וועלכע האָבן טאַקע געמוזט דורכגעלופטערט ווערן מיט דער גאַנצער איילעניש. אַפילו בשעת דידאָ־זיקע צוויי לעצטע טעג איז עס נאָך געקומען צו שאַרפע פאָרפאַלן, ביפרט דעמאָלסט, ווען אַ פאָרשטייער פון די ענגלישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועלכער האָט נישט געוואָלט פאַרבאַהאַלטן דאָס, וואָס איז אים געלעגן אויפן האַרץ, הגם ער איז אַפילו נישט געווען קיין סאָציאַליסט, האָט דער מערהייט אויף אַ דראַסטישן שטייגער אויפ־געוואָרפן איר אומדערהערטע אומטאָלעראַנץ און מיט בייסנדיקער איראָניע באַ־

מערקט, אז טאָמער האָט ער ווען־ס׳איז יאָ געפילט א געוויסע סימפּאַטיע צו די סאָציאַליסטן, האָט אים אָבער דער אויפפיר פון אָט־דעם קאָנגרעס גרינטלעך באַפרייט פון אַלע אילוזיעס.

דערדאָזיקער מענטש איז געווען גערעכט. איך האָב זיך אין משך פון מיין לעבן באַטייליקט אין נישט איין שטורמישן צוזאַמענפאָר, אָבער יענער קאָנגרעס אין לאָנדאָן איז געווען דער פאַרדריסלעכסטער, דער ערגסטער, וועלכן איך האָב צוגעזען, ווען מ׳קוקט אויף אים פון שטאַנדפּונקט פון ברוטאַלן געיעג נאָך הערשאַפט, פון קליינלעכע אינטריגעס און בלינדער אונטערגעוואָרפנקייט און געהאָרכיקייט. שוין דעמאָלסט האָב איך זיך געשטעלט די שאלה, וואָס ס׳וועט פּאַסירן, ווען מענטשן מיט אַזאַ גייסטיקן טעמפּעראַמענט און כאַראַקטער וועלן ווען־ס׳איז קומען צו דער מאַכט. די דורכגעמאַכטע דערפאַרונגען האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין איבערצייגונג, אַז סאָציאַליזם אָן פרייהייט מוז זיך פאַרוואַנדלען און אויסוויקלען אין אַ נייער באַרבאַריע, וועלכע קאָן מיט דער צייט דערפירן צו נאָך ערגערע צושטאַנדן ווי יענע, וועלכע מיר באַקעמפן היינט. די שפּעטערדיקע פּאַסירונגען אין רוסלאַנד האָבן זינט דעמאָלסט בלויז באַשטעטיקט, אַז אַזעלכע חשדים זיינען זיכער נישט געווען אומבאַגרינדעט.

יענע לאָנדאָנער קאָנגרעסוואָך האָט אונדז געגעבן גענוג באַשעפטיקונג. דעם 28טן יולי איז אין האָלבאָרן טאָון האָל פאָרגעקומען אַ ריזיקע פּראָטעסטדעמאָנסטראַציע פון די אַנאַרכיסטן. ביי יענעם צונויפקום זיינען קודם־כל פאָרגעלייענט געוואָרן אָן אַ שיער סימפּאַטיע־צושריפטן, צווישן זיי פון ראָבערט בלעטשפאָרד, דעם רעדאַקטאָר פון דער צום שטאַרקסטן פאַרשפּרייטער סאָציאַליסטישער צייטונג אין ענגלאַנד, „קלאַריאָן"; דעם באַקאַנטן סאָציאַליסטישן צייכענער וואַלטער קרא און וויליאַם מאָרריס. בלעטשפאָרד האָט שאַרף אַרויסגעשטעלט די חרפּהדיקע ענגהאַרציקייט און אומטאָלעראַנץ פון דער קאָנגרעסמערהייט און באַצייכנט די באַזייטיקונג פון די אַנאַרכיסטן ווי אַ בפירושע אומגערעכטיקייט, פון וועלכער עס פּילן זיך געטראָפן אַ גאַנצע שורה פון די אָנגעזעענסטע פאַרטרעטער פונעם אייראָפּעישן סאָציאַליזם. וויליאַם מאָרריס האָט זיך אַרויסגעזאָגט אין ענלעכן זין און שטאַרק באַדויערט, וואָס צוליב אַ שווערער קראַנקייט איז אים נישט מעגלעך צו קומען פערזענלעך צום מיטינג.

אַ ספּעציעלן באַטייט האָט געהאַט דאָס אויפטרעטן פון קעיר האַרדי און טאָם מען אויף יענעם מיטינג. ביידע זיינען געווען די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער „אינדעפּענדענט לייבאָר פּאַרטי", וועלכע האָט אין יענער צייט פאַרטראָטן די שטאַרקסטע ריכטונג פונעם סאָציאַליזם אין ענגלאַנד. קעיר האַרדי, איינער פון דער קליינער צאָל אַרבעטערפאָרשטייער אין ענגלישן פּאַרלאַמענט, האָט ביי שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן דערקלערט, אַז ער אַליין איז טאַקע נישט קיין אַנאַרכיסט, אָבער ער האַלט די אַנאַרכיסטן ווי אַ ווערטפולע ריכטונג פונעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. קיינער קאָן נישט פאָראויסזען, צי די צוקונפט וועט זיך געשטאַלטיקן אינעם זין פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע אָדער פונעם אַנאַרכיזם; טאַקע דעריבער וואָלטן זיך

די סאָציאַליסטן פון אַלע ריכטונגען געדאַרפט באַמיען אַרויסצווייזן די גרעסטע טאָלעראַנץ, מחמת שוין צו אָפט האָבן מענטשן פאַרוואָרפן אַזעלכע אידעען, וועלכע זיי האָבן שפּעטער געמוזט אָננעמען ווי ריכטיקע. פאַר דער מערהייט פונעם קאָנגרעס באַשטייט, קענטיק, דער פאַרברעך פון די אַנאַרכיסטן אין דעם, וואָס זיי זיינען ביז אַהער געבליבן אַ מינדערהייט. ווער עס האַלט אַזוי, דער שטעלט־אַוועק באַשטימטע דאַמבעס פאַר דער גייסטיקער אַנטוויקלונג און דאָס וואָלטן די סאָציאַליסטן אָן קינאה געמעגט איבערלאָזן די פאַרשטייער פון דער סאָציאַלער רעאַקציע.

טאָם מען האָט גערעדט אין אַן ענלעכן זין און האָט דערקלערט, אַז ס'איז פאַר אים אַ גאַר באַזונדערע באַפרידיקונג צו נעמען דאָס וואָרט לטובת אַ פאַרגוואַלטיק־טער מינדערהייט, וועמען ער וויל אַרויסווייזן סימפּאַטיע, ווייל דער סאָציאַליזם איז נישט דער מאָנאָפּאָל פון אַ באַשטימטער ריכטונג, נייערט א פאָלקסבאַוועגונג און נישט קיין קירכנגעמיינדע.

חוץ קעיר האַרדי און טאָם מען האָבן נאָך אויף יענעם מיטינג גערעדט עליזע רעקלו, קראָפּאָטקין, מאַלאַטעסטאַ, גאָרי, לואיזע מישעל, קענוואָרט, דאָמעלאַ ניוועג־הויז, לאַנדאַוער, טאַרטעליער, קאָרנעליסען און אייניקע אַנדערע. כימעט נאָך אַזוי פיל רעדנער פון אונדזער ריכטונג האָבן זיך געמוזט אָפּזאָגן פון נעמען דאָס וואָרט, מחמת די צייט איז געווען צו קורץ. נישט אָפט זיינען פאָרגעקומען אַזעלכע מיטינגען, ביי וועלכע ס'זאָלן געווען האָבן אויפגעטראָטן אַזאַ גרויסע צאָל אינטערנאַציאָנאַל־באַקאַנטע, גלענצנדע פערזענלעכקייטן ווי אויף יענעם געדענקווירדיקן מיטינג.

נאָכן באַזייטיקן די אַנאַרכיסטן זיינען זיי זיך צוזאַמענגעקומען מיט די סאָציאַ־ליסטן פון אַנדערע רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען, ביכדי אָפּצוהאַלטן אַ קאָנפערענץ, וועמענס זיצונגען אין סאַן מאַרטין האָל ס'האָבן געדויערט פונעם 21טן ביז צום 31טן יולי. צום באַדויערן האָבן יענע צוזאַמענקומען געקאָנט אָפּגעהאַלטן ווערן נאָר אין די אָוונטן, מחמת די דעלעגאַטן פון דער פראַנצויזישער מערהייט זיינען אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען ביים קאָנגרעס. די צייט איז דעריבער געווען זייער באַשרענקט, אַזוי אַז בלויז ווייניק פראַגן האָבן געקאָנט געגויער באַהאַנדלט ווערן. נאָכדעם ווי דער סעקרעטאַר פון דער פעדעראַציע פון די פראַנצויזישע אַרבעטערבירזשעס, פער־נאַן פּעלוטיע, האָט ביי דער ערשטער זיצונג געגעבן אַ זייער אויסשעפּנדיקן באַריכט וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג אין פראַנקרייך, וועל־כער איז דערגענצט געוואָרן דורך דעלעסאַלעס אַ באַריכט וועגן דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, האָט זיך די קאָנפערענץ געמוזט אָפּזאָגן פון ווייטערדיקע באַריכטן, ביכדי צו האָבן מער צייט פאַר אַנדערע עינינים.

דאָס איינציקע פּראָבלעם, וועלכעס האָט געקאָנט גאַנץ אויספירלעך באַהאַנדלט ווערן, איז געווען דאָס פּראָבלעם פון דער לאַנדווירטשאַפט און דער פרייהייטלעכער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּויערן. די דעבאַטע וועגן אָט־דעם פּונקט פון דער טאָגאָר־דענונג האָט אַרויסגעבראַכט אָן אַ שיעור באַלערנדיקע דערפאַרונגען פון די פאַר־שידענע לענדער און גלייכצייטיק באַוויזן דעם גרויסן אונטערשיד צווישן דעם מאַרק־סיסטישן און אַנאַרכיסטישן באַנעם מכוח דער לייזונג פונעם אַגראַפּראָבלעם. מאַלאַ־

טעסטאַ, פּוזשע און דאַמעלאַ ניווענהויז האָבן באַזונדער אונטערגעשטראָכן, אַז די סאָציאַלע באַפרייונג טאָר בשום אופן נישט באַטראַכט ווערן ווי אַן עינין בלויז פון דער אינדוסטריעלער אַרבעטערשאַפט, מחמת אַ גרינטלעכע איבעראַנדערשונג פון די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן איז ביכלל אומדענקבאַר אָן דער מיטאַרבעט פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג.

מאַלאַטעסטאַ, וועלכער האָט אין דער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּויערן און דאָרפישע אַרבעטער געהאַט אַ גרויסע פּערזענלעכע דערפאַרונג, האָט באַזונדערס באַקעמפט די פאַטאַליסטישע אידעע, אַז די דאָרפישע באַפעלקערונג מוז פריער דורך דער געוואַלטזאַמער קאָנצענטראַציע פונעם באָדן פאַרטריבן ווערן פון איר ערד, איידער זי קאָן געווינען ווערן דורך דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל. ער האָט אָט־דעם באַנעם באַצייכנט ווי אַ געפערלעכן טעות, מחמת דווקא אין דער לאַנדווירטשאַפט איז וויניקער ווי ערגעץ אַנדערש צו באַמערקן אַ קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל. אין אַלגעמיין קאָן די אַגראַרפראַגע נישט געלייזט ווערן לויט אַ באַשטימטער סכעמע, מחמת די לאַנדווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן זיינען אין יעדן לאַנד אַנדערשדיק. ווי אַ באַווייז צו וואָס פאַראַ אַבסורדן ס׳דערפירט דער בלינדער גלויבן אין די אַזוי־גערופענע אוניווערזאַללייזונגען, האָט ער זיך באַצויגן אויף אַ רעזאָלוציע, וועלכע איז מיט אַ קורצער צייט פאַר דעם געהאַט אָנגענומען געוואָרן אויפן קאָנגרעס פון די איטאַליענישע סאָציאַליסטן אין פלאָרענץ. דערדאָזיקער באַשלוס האָט מיתחייב געווען די פאַרשטייער פון דער פאַרטיי אין דער איטאַליענישער דעפּוטאַטנקאַמער צו שטימען קעגן אַ געזעץ, לויט וועלכן ס׳האָט געדאַרפט פאַרוועדט ווערן דאָס פאַרנעמען ווי אַ משכון דעם פּויערס נייטיקע אַרבעטס־מכשירים. מ׳האָט געוואָלט שטערן די דורכפירונג פון אָט־דעם געזעץ בלויז דערפאַר, ווייל דערמיט ווערט פאַרשלעפּט און פאַרלענגערט די פּראָלעטאַריזירונג פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג און דאָס איז נישט אין איינקלאַנג מיט די מכלומרשטע געזעצן פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. ווער עס קאָן אַזוי האַלטן, דער האָט פאַרלוירן יעדע פּערספּעקטיוו פאַר דערווירקלעכקייט. זיך אַרויסזאָגן וועגן דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג לויט באַשטימטע פאַסירונגען אין ענגלאַנד, ווי מאַרקס האָט דאָס געטאָן, און זיי פאָרצולייגן פאַר די אַנדערע לענדער ווי אַ שפּיגל פון זייער נאָענטסטער צוקונפט, איז אַ באַנעם, וועלכער מוז דערפירן צו די מאָנסטרועזסטע סאָפיזמען, ספּעציעל היינטצוטאָג, ווען די הכנסה־פעיקייט פון דער ערד, באַגינציקט דורך אינטענסיווער באָדנקולטור, האָט דווקא פאַר דער קליינער ווירטשאַפט געעפנט גאַנץ נייע אַנטוויקלונגסמעגלעכקייטן. וואָס ס׳איז וויכטיק, האָט מאַלאַטעסטאַ געהאַלטן, איז געדאַנקלעך צו געווינען די דאָרפישע באַפעלקערונג פאַר אונדזערע אידעען, און דער פּראָגרעס, וועלכן אונדזער באַוועגונג צווישן די פּויערן אין שפּאַניע און אין איטאַליע האָט געמאַכט, איז דער בעסטער באַווייז, אַז דאָס איז מעגלעך.

אַלפרעד זאַנפטלעבען און גוסטאַוו לאַנדאַוער האָבן אונטערגעשטראָכן די ספּעציעלע וויכטיקייט פונעם קאָאָפּעראַטיוויזם פאַר דער דאָרפישער באַפעלקערונג, וועמען דווקא די אַנאַרכיסטן טאָרן נישט אַרויסלאָזן פונעם אויג. די קאָנפערענץ

האָט לסוף אָנגענומען אַ באַשלוס, לויט וועלכן מאַלאַטעסטאַס, לאַנדאַוערס און די אַנדערע פאָרלייגן דאַרפן צונויפגעגאָסן ווערן און רעקאָמענדירט ווערן די חברים פון אַלע לענדער צו שטודירן דעם באַדנפּראָבלעם. אַ סך אַנדערע פונקטן, אַזעלכע ווי דער עיניין וועגן גענעראַלשטרייק, די טעטיקייט פון די אַנאַרכיסטן אין די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען, וועגן אַנאַרכיזם און געוואַלט און אַנדערע, האָבן ביי דער לעצטער זיצונג געקאָנט בלויז אויבנאויפיק באַטראַכט ווערן, מחמת ס׳איז נישט געווען גענוג צייט פאַר דעם. אָבער ווען ס׳האָט ביי יענע זיצונגען, וועלכע זיינען יעדן אָוונט באַזוכט געוואָרן פון קנאַפּע דריי הונדערט מענטשן, נישט געקאָנט אויפגעטאָן ווערן קיין גרעסערע אַרבעט צוליב די אומגינציקע פאַרהעלטענישן, זיינען זיי אָבער פונדעסטוועגן געווען אן אויסגעצייכנטער קאָנטראַסט צו די וויסטע סצענעס פונעם אָפיציעלן קאָנגרעס און זיי זיינען פון אַלע באַטייליקטע אויפגענומען געוואָרן ווי אַן אמתע לאַבונג. און ווען אַפילו אויך דאָ זיינען זיך די מיינונגען אָפט פונאַנדערגע־גאַנגען, האָט דאָך אָבער יעדער איינער געלאָזט גילטן זיין רעכט און די דיסקוסיעס האָבן קיינמאָל נישט פאַרלוירן זייער חברלעכן כאַראַקטער. מ׳האָט רעספּעקטירט יענעמס מיינונג, ווייל מ׳האָט זיך גופא רעספּעקטירט.

# די אינערלעכע קאַמפן אין דער דייטשער באַוועגונג

אין די טעג פונעם לאָנדאָנער קאָנגרעס האָבן זיך אונדזערע דעלעגאַטן און אַנדערע חברים צונויפגעזאַמלט אין אַן איטאַליענישן קלוב אין שכנות פון סאוהאָ־סקווער, וועמענס באַנוצונג ס'האָט אויסגעפּועלט מאַלאַטעסטאַ. אין יענעם קלוב האָב איך זיך אויך צום ערשטן מאָל באַקאַנט פּערזענלעך מיט פּיאָטר קראָפּאָטקין און אייניקע אַנדערע חברים, וועגן וועלכע ס'וועט שפּעטער זיין די רייד. פון די דעלעגאַטן, וועלכע זיינען געקומען פון דייטשלאַנד און פון דער שווייץ, איז דער רוב פאַר מיר געווען באַקאַנט בלויז לויט זייערע נעמען. בלויז בערנאַרד קאַמפּמייער און זשאַן העפּנער האָב איך שוין געקאַנט פּערזענלעך.

דער באַדייטנדיקסטער קאָפּ צווישן זיי איז, אָן ספק, געווען גוסטאַוו לאַנדאַוער. לאַנדאַוער איז דעמאָלסט ערשט געשטאַנען אויף דער שוועל פון זיין רייכער גייס־טיקער אַנטוויקלונג, וועלכע האָט אים שפּעטער געזאָלט מאַכן פאַר איינעם פון די אָפּגעקליבנסטע דענקער פון דייטשלאַנד. דער איינדרוק, וועלכן איך האָב אין יענע טעג באַקומען וועגן אים, איז געווען דער איינדרוק פון א שטאַרק־פעיקן מענטשן, וועלכער האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרלוירן אין די קליינלעכקייטן פונעם לעבן און תמיד נאָר געשטרעבט צו די ווייטליגנדיקע צילן. דער הויכער, מאָגערער מענטש, וועמענס קערפּערלעכע גרויסקייט איז נישט געווען אין קיין ריכטיקן פאַרהעלטעניש מיט דער שמאָלער ברוסט און די דינע אַקסלען, האָט אין זיין אויסערלעכן אויסזען געהאַט עפּעס אומבאַהאָלפנס אין זיך, וועלכעס האָט זיך עפּעס נישט געוואָלט צונויפּ־פּאָרן מיט זיין לעבעדיקן גייסט. דעם שטאַרקסטן איינדרוק האָט געמאַכט דאָס רואיקע שיינפאָרמירטע פּנים מיט די פאַרחלומטע אויגן, וועלכע האָבן אויסגעזען אַריבער־צוקוקן ווייטער ווי די אַרומליגנדיקע זאַכן. זיין שפּראַך איז געווען א ריינע און אַ גוט־אָפּגעהיטע. ווען ער האָט גערעדט, האָט מען געהאַט דאָס געפיל, אַז יעדעס וואָרט קומט ביי אים אַרויס טיף פון דער נשמה און איז געבוירן געוואָרן פון זיין אינערלעכסטער איבערצייגונג. איך האָב דעמאָלסט געהאַט ווייניק געלעגנהייטן מיט אים באַקאַנט צו ווערן נענטער, מחמת מיר זיינען אין יענער שטורעמדיקער קאָנגרעסוואָך געווען פאַרנומען מיט אַ סך אַנדערע עיניינים. ערשט ביי אַ שפּעטער־דיקער געלעגנהייט, ווען ער איז ווידער געקומען קיין לאָנדאָן אויף אַ געוויסער צייט, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט בעסער צו דערקענען זיין אייגנאַרטיקע פּערזענ־לעכקייט.

לויט זיין געמיט און כאַראַקטער איז לאַנדאַוער געווען אַ מילדער מענטש און מיט אַ טיפן געפיל פאַר גערעכטיקייט. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט, אַז ער זאָל אין זיין מיינונג וועגן זאַכן און מענטשן אָפט זיין זייער שאַרף און אפילו אומגע־רעכטיק. אָבער דאָס האָט תמיד פּאַסירט אומבאַוווסטזיניק און ער איז תמיד געווען גרייט זיך אָפּן מודה צו זיין אין אַ פעלער, ווען ער האָט זיך אין דעם איבערצייגט. אַזוי ווי ער האָט צו זיך גופא געשטעלט די העכסטע פאָדערונגען און ווי אַן אייביק זוכנדיקער מענטש, איז ער געווען א שונא פון יעדער דאָגמע, האָט ער אויך פון אַנדערע געפאָדערט דאָס נעמלעכע, וואָס דאָס פלעגט אים נישט זעלטן שטעלן אין אָפענעם קאָנפליקט מיט זיינע נאָענטסטע חברים. און הגם ער האָט זיך ביז צו זיין טויט צום שטאַרקסטן באַטייליקט אין די סאָציאַלע באַוועגונגען פון דער צייט, איז ער פונדעסטוועגן קיינמאָל נישט געווען קיין באַוועגונגס־מענטש. מהאַי טעמה האָט זיך זיין גייסטיקער איינפלוס תמיד אויסגעשפּרייט בלויז אויף אַ קליינעם געקליבענעם קרייז, וועלכער איז געווען מסוגל נאָכצוגיין זיין געדאַנקענגאַנג און איז אים דערפאַר געווען נאָך שטאַרקער איבערגעגעבן. דער באַקאַנטער שפּראַכפאָרשער פריץ מאַוט־נער, איינער פון זיינע נאָענטסטע פריינט, וועלכער האָט אים נאָך זיין טראַגישן טויט געווידמעט א גייסטפולן נעקראָלאָג, האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן דעם פאַר־לוירענעם פריינט אין אָט־די ווערטפולע ווערטער:

„גוסטאַוו לאַנדאַוער איז אומגעקומען דערפאַר, ווייל ער איז נישט געווען קיין פּאָ־ליטיקער, אָבער פונדעסטוועגן איז ער דורך אומגעצוימטן מיטלייד מיטן פאָלק געשטויסן געוואָרן אַרויסצוטרעטן און צו אַקטואירן פּאָליטיש. צו שטאָלץ זיך אָנצושליסן צו אַ פּאַרטיי, נישט גענוג באַשרענקט צו גרופּירן אַן אייגענע פּאַרטיי אַרום זיין נאָמען, קאָנצענטרירט אויף זיך אַליין — אַ פירער אָן אַן אַרמיי. אַן אייביקער אַנאַרכיסט, וועלכער האָט אָפּגע־וואָרפן יעדן מין הערשאַפט און מכל שכן די קלעגלעכע פּאַרטיי־הערשאַפט. און ער אַליין איז אָפט געווען קלאָר ביי זיך וועגן דעם".

ווען ער האָט זיך אין דער צייט פונעם קאָנגרעס צום ערשטן מאָל באַוויזן אין לאָנדאָן, איז ער פונקט דעמאָלסט געשטאַנען אין א שאַרפן קאָנפליקט מיט אַ סך חברים אין דייטשלאַנד, אַ קאָנפליקט, וועלכער האָט אים מיסתמא שטאַרק וויי געטאָן, מחמת ער האָט פאַר אים קלאָר אַרויסגעברענגט אין זיין באַוווּסטזיין די גרענעצן פון זיין גייסטיקן איינפלוס. ער איז אין יענער צייט געווען דער רעדאַקטאָר פונעם „סאָ־ציאַליסט" אין בערלין. דאָסדאָזיקע בלאַט איז געשאַפן געוואָרן אין נאָוועמבער 1891 ווי דער אָרגאַן פון די יונגע און איז אין יאָר 1893, נאָכדעם ווי לאַנדאַוער האָט איבערגענומען די רעדאַקציע, אונטער זיין השפּעה אַריבערגעגאַנגען צום אַנאַרכיזם. די אַרויסגעבער פונעם „סאָציאַליסט" זיינען דעמאָלט פון דער רעגירונג צום שטאַרקסטן געפּרודפט געוואָרן און זיי זיינען לסוף, אין יאַנואַר 1895, געווען גע־צוווּנגען אָפּצושטעלן די דערשיינונג פונעם בלאַט, מחמת די פּאָליציי האָט זיי נישט געלאָזט איבערנעמען די אַריינקומענדיקע געלט־סומעס.

אין אויגוסט פונעם זעלביקן יאָר האָבן לאַנדאַוער און זיינע פריינט געמאַכט א

נייעם פּרווו אַרויסצוגעבן דאָס בלאַט אונטערן זעלביקן נאָמען. זיי האָבן דאָס באַוויזן, אָבער דער כאַראַקטער פון דער צייטונג איז געווען אַ שטאַרק געענדערטער. טיילווייז זיינען שולדיק געווען די קלאָגעדיקע פּאָליטישע פאַרהעלטענישן אין דייטשלאַנד, וועלכע האָבן פאַר די אַרויסגעבער געשאַפן אַלערליי שטרויכלונגען, איבער וועלכע מ׳האָט נישט געקאָנט אַריבערגייען, ווען מ׳האָט נישט געוואָלט שטעלן אין סכנה די עקזיסטענץ פונעם בלאַט. לאַנדאַוער האָט באַוויזן צו גרופּירן אַרום זיך אַ קרייז פון אויסגעצייכנטע מיטאַרבעטער. דער רוב פון זיי איז געווען אינטעלעקטואַלן, אָבער ס׳איז אויך געווען צווישן זיי אַ היפּשע צאָל אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך אויפן סמך פון זייערע פעיקייטן און מיט התמדה אָנגעפירטן זעלבסטשטודיום אַרויפגעאַרבעט אויף אַ העכערער גייסטיקער מדרגה. אין פאַרגלייך מיט זיין ערשטן פעריאָד אין דער אינהאַלט פונעם בלאַט געווען אַ פּיל רייכערער. זיין פּילזייטיקייט און בעיקר לאַנדאַוערס אויסגעצייכנטע רעדאַקציע, וועלכע האָט פאַרוואָרפן יעדע מיטלמעסי־קייט, האָט עס אָן צווייפל געמאַכט פאַר איינעם פון די בעסטע בלעטער פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג פון יענע יאָרן.

אָבער טאַקע דערפאַר האָט דער „סאָציאַליסט״ פאַרלוירן עפּעס פון דער פּראָ־פּאַגאַנדיסטישער ווערבירקראַפט פון זיינע פריערדיקע צייטן. דער רייכער אינהאַלט פונעם בלאַט האָט זיך גיכער געפּאַסט פאַר אַ צייטשריפט פאַר דער אויפקלערונג פון טעאָרעטישע פּראָבלעמען און פאַרן קעגנזייטיקן אויסטויש פון געדאַנקען, ביכדי צו פאַרטיפן דעם פרייהייטלעכן וועלטבאַנעם. דאָס הייסט נישט, אַז דער אינ־האַלט פונעם בלאַט איז געווען דאָקטרינער; פאַר אַזעלכעס האָט דווקא לאַנדאַוער נישט געהאַט די מינדסטע נייגונג, מחמת ער איז תמיד אויסן געווען אונטערצו־טראָגן די לייענער נייע פּערספּעקטיוון. טאַקע דערפאַר האָט די צייטונג, אָן ספק, געשטעלט הויכע פאָדערונגען צו אירע לייענער, פאָדערונגען, וועלכע נישט יעדער איינער איז געווען מסוגל אויפצונעמען. דער רוב פון די חברים אין דייטשלאַנד איז מיטן „סאָציאַליסט״ קיינמאָל נישט געווען אינגאַנצן שווה בשווה און זיי האָבן פאַר־לאַנגט אַ גוט פּראָפּאַגאַנדעבלאַט, וועלכעס זאָל זיין בעסער צוגעפּאַסט צום פאַר־שטענדעניש פון די אַרבעטער און זאָל פאַר דער קליינער באַוועגונג שאַפן אַ גרעסערע אָנהענגערשאַפט ווי זי האָט דעמאָלסט געהאַט. דערביי דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז כמעט אַלע אַנאַרכיסטן אין דייטשלאַנד האָבן דורכגעמאַכט די מאַרקסיסטישע שול און ס׳האָט דעריבער פּאַסירט, אַז זיי זיינען נאָך געשטאַנען שטאַרק אונטערן איינ־פלוס פונעם געדאַנקענגאַנג, וועלכן זיי האָבן געהאַט פון פריער.

וואָלט די באַוועגונג דעמאָלסט געווען גענוג שטאַרק, ביכדי נעבן דעם „סאָ־ציאַליסט״ צו קאָנען אויסהאַלטן נאָך אַ באמת גוט־אָנגעפירט פּראָפּאַגאַנדעבלאַט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין אַ סך אַנדערע לענדער, וואָלט מען דעם עינין געווען געקאָנט לייכט דערליידיקן. אָבער פאַר דעם צוועק האָבן איר דעמאָלסט געפעלט די נייטיקע מיטלען. ס׳איז דעריבער אַלץ אָפטער געקומען צו אינערלעכע רייסערייען און מיינונגספאַרשידנקייטן, וועלכע מ׳האָט שוין לסוף מער נישט געקאָנט אויסגלייכן. לאַנדאַוער און זיינע נאָענטערע פריינט האָבן זיך מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט

געשטעלט קעגן דעם פאַרלאַנג צו געבן דעם „סאָציאַליסט“ אַן אַנדערע ליניע, מחמת זיי האָבן נישט געוואָלט מאַכן קיין קאָנצעסיעס דער גייסטיקער צוריקגעשטאַנענקייט, ווי זיי האָבן דאָס אָנגערופן. זיי האָבן אינאײנוועגס אונטערגעשטראָכן, אַז קודם־כּל מוז מען דווקא אין דייטשלאַנד שאַפן אַ פעסטן קרייז פון זעלבסטשטענדיק־דענקנ־דיקע מענטשן, וועלכע זאָלן זיין אימשטאַנד נישט נאָר געפילמעסיק, נייערט אויך דורך אַ העכערער גייסטיקער קענטעניש צו געווינען פאַר דער פרייהייטלעכער באַוועגונג אנטוויקלונגספעיקע מענטשן פון אַלע קרייזן. דערדאָזיקער קוק איז זיכער נישט געווען אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט, הגם לאַנדאַוער האָט שפּעטער געמוזט איינזען, אַז אפילו אויף אַ גייסטיקער „עליטע“ קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן, מחמת אַ סך פון זיינע דעמאָלסטיקע מיטאַרבעטער, אַזעלכע ווי פרידריך בינדע, אָממערבאַרן, דר. גומפּלאָוויטש, פראַנץ בליי, ווילהעלם שפאַר און אייניקע אַנדערע האָבן אים שפּעטער פאַרלאָזן און זיך פאַרנומען אויף זייער מערקווירדיקע דרכים. אייניקע פון זיי האָבן זיך דערנאָך דערוואָרבן אַ בכבודיקן נאָמען אין דער דייטשער ליטעראַ־טור, אָבער זיי האָבן מער נישט געהאַט קיין שייכות צו זייער פריערדיקער אידע־אָלאָגיע.

אָבער עס דאַרפן אויך נישט אָפּגעוואָרפן ווערן די מאָטיוון פון דער אַנדערער ריכטונג, ביפּרט, ווען צו איר האָבן באַלאַנגט אַ סך אויפריכטיקע און גוטע חברים, וועלכע זיינען פונקט אַזוי שטאַרק געווען איבערצייגט וועגן דער ריכטיקייט פון זייער אינטערפּרעטאַציע ווי עס זיינען דאָס געווען די אָנהענגער פונעם „סאָציאַליסט“. לאַנדאַוער האָט דאָס מיסתמא זיכער געפילט, ווייל ער און זיינע פריינט האָבן שפּע־טער באַשלאָסן אַרויסצוגעבן נעבן דעם „סאָציאַליסט“ אויך אַ קליין פּראָפּאַגאַנדע־בלעטל, „דער אַרמע קאָנראַד“, וועלכעס איז רעדאַקטירט געוואָרן פון אַלבערט ווייד־נער. ווײדנער האָט דערפון געמאַכט דאָס בעסטע, אָבער דאָס קליינע בלעטל האָט נישט געקאָנט נאָכקומען די פאָדערונגען, וואָס ס'האָט זיך געשטעלט. די דעמאָלסטי־קע קעגנער פונעם „סאָציאַליסט“ האָט עס זיכער נישט באַפרידיקט.

אַזוי איז עס לסוף דערגאַנגען דערצו, אַז ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ ניי בלאַט, וועלכעס האָט זיך געגעבן דעם פּרעטענציעזן טיטל „נויעס לעבען“. אָבער די גרינ־דונג פון אָט־דעם בלאַט האָט דערפירט דערצו, אַז ס'האָט זיך דעם „סאָציאַליסט“ ביסלעכווייז אויסגעלאָשן דער לעבנסאָטעם, נישט געקוקט אויף די גרויסע באַמיונגען פון זיינע אַרויסגעבער. אָבער דאָס ערגסטע דערפון איז געווען דאָס, וואָס „נויעס לעבען“ האָט לגמרי נישט פאַרדינט זיין נאָמען, מחמת מ'האָט דאָרט נישט געקאָנט געפינען קיין שום נייעם צוגאַנג צו גאָרנישט. דאָס נייע בלאַט איז לויט זיין אינהאַלט געווען שטאַרק אָרעם, מיט אַ שטאַרקער דאגמאַטישער ענגהאַרציקייט, דערצו נאָך הויפּיק געשריבן אין אַ שלעכטן, פעלערהאַפטיקן דייטש און האָט זיך אין קיין שום פּרט נישט געקאָנט פאַרגלייכן מיטן „סאָציאַליסט“. זיינע אַרויסגעבער האָבן זיך אַפילו באַרימט, אַז זייער צייטונג ווערט געשריבן בלויז און אויסשליסלעך פון אַרבעטער, אָבער דאָס איז געווען אַ שוואַכע טרייסט, וועלכע האָט קוים געקאָנט באַפרידיקן. אויב מ'איז נישט געווען אימשטאַנד אַרויסצוברענגען עפּעס בעסערס,

וואָלט מען געוועז געטאָן בעסער אינגאַנצן נישט אָנצוהייבן מיט אַזאַ אומפּרוכ־פּעריקן פּרווו. דאָס בלאָט האָט אַפילו אין קיין שום פּרט נישט געקאָנט באַפרידיקן די פּראָפּאַגאַנדע־באַדערפענישן, ווי זיינע אַרויסגעבער האָבן זיך מכוון געווען, מחמת עס האָט אים געפעלט יעדער לעבעדיקער אָטעם, וועלכער איז אימשטאַנד אויפצו־טרייסלען און צו באַיינפלוסן מענטשן. דער פאַקט, וואָס אַזאַ בלאַט ווי דער „סאָציאַ־ליסט" האָט געמוזט אַראָפּלאָזן די פליגל פאַר אַזאַ מיטלמעסיקן באַשעפעניש, איז בפירוש געווען אַ מאָטיוו זיך צו שעמען און איז געווען אַן אומגליק פאַר דער דייַטשער באַוועגונג, פון וועלכן זי האָט במשך פון יאָרן נישט געקאָנט קומען צו זיך. ווייל דער אמת איז, אַז אין אַזעלכע פאַלן איז נישט שטענדיק גענוג דער גוטער ווילן, ווען ס'שטייט נישט הינטער אים קיין ווירקלעכע פעיקייט. אַלע דערפאַרונגען האָבן ביז איצט געוויזן, אַז הינטער אַ באמת־גוטן בלאַט מוז שטיין אַ ווערטפולע און באַגאַבטע פּערזענלעכקייט, וועלכע דאַרף נישט בלויז האָבן דעם אַלגעמיינעם צוטרוי פון די חברים, נייערט אויך האָבן די פעיקייט נאָכצוקומען, צו באַפרידיקן די פאָדערונגען, וועלכע מ'מוז שטעלן זיינע אַרויסגעבער. דאָס איז שייך סיי צו צייט־שריפטן מיט אַ טעאָרעטישן אינהאַלט ווי אויך צו אַזויגערופענע פּראָפּאַגאַנדעבלע־טער. ווען איך באַטראַכט היינט, נאָך אַזויפיל יאָרן, יענע צייט, ווייזט זיך מיר דאָס אויס פולשטענדיק קלאָר, אָבער די חברים אין דייטשלאַנד, וועלכע האָבן זיך דע־מאָלסט אַקטיוו באַטייליקט אין יענע קאַמפן, האָבן נאַטירלעך נישט געקאָנט קוקן אויף דידאָזיקע עינינים אַזוי ניכטערן, אַ פשיטה שוין, אַז אין אַזעלכע מחלוקת קאָן מען זיך קיינמאָל נישט אויסהיטן פון פּערזענלעכער שינאה, וואָס צוליב דעם ווערט דער טיפערער קוק און באַנעם שטענדיק אָפּגעשטופּט אין אַ זייט.

פאַר לאַנדאַוערן איז דער אונטערגאַנג פונעם „סאָציאַליסט" געווען אַ שווערער קלאַפּ, וועלכן ער האָט מיסתמא געפילט שטאַרק ביטער; אָבער צום באַדויערן איז עס נישט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס אין געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען אימפּאָ־נירט זיך די בלינדע מיינונגסלאָזיקייט און דערפירט צום שוויגן די קלאָרקעפיקייט און בעסערע פאַרשטענדעניש. ער האָט זיך מיסתמא דעמאָלסט געדאַרפט פילן שטאַרק פאַרלאָזן ווי אַ פועל־יוצא פון אָט־די ווייטיקלעכע דערפאַרונגען, מחמת עס איז פון אים דורך אָט־דעם מאַנגל אין איינזעעניש און טאָלעראַנץ אוועקגעריסן געוואָרן אַ טעטיקייטסגעביט, וועלכעס איז געווען צוגעפּאַסט צו זיינע אינערלעכע נייגונגען און אויף וועלכן ער האָט זיך געהאַלטן און אַרויסגעוויזן אַזוי אויסגעצייכנט. דער קלאַפּ, וועלכן די דייטשע באַוועגונג האָט באַקומען דורכן אָפּשטעל פונעם „סאָ־ציאַליסט", וואָלט אפשר געהאַט געווען ווייניקער ווייטיקלעך, ווען דאָס נייע בלאַט וואָלט לפּחות געווען באַפרידיקט אויף אַ געוויסן אופן די דערוואַרטונגען, מיט וועלכע אַ סך האָבן זיך דעמאָלסט אַרומגעטראָגן. אָבער היות אויך דאָס איז אַזוי נישט מקויים געוואָרן, האָט זיך דעריבער די אומפאַרמיידלעכע אַנטוישונג שפּעטער געמוזט פילן נאָך פיל שטאַרקער. און ווי תמיד אין אַזעלכע פאַלן איז די פאַרשטענ־דיקע אויסניכטערונג געקומען צו שפּעט און זי איז מיצד דעם רוב איינגעזען געוואָרן ערשט דעמאָלסט, ווען דאָס אומגליק האָט שוין נישט געקאָנט פאַריכט ווערן. דאָס

איז אויך געווען די סיבה, פאַרוואָס יאָהאַן מאָסט, וועלכער איז אין משך פון זיין גאַנצן לעבן געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פראָפּאַגאַנדיסטן און אַן ערשטראַנגיקער פאָלקס־שריפטשטעלער, האָט אין זיין „פרייהייט" געשלידערט אינעם קאָפּ פון די אַרויסגעבער פון „נויעס לעבען" אַזעלכע האַרבע און גוטפאַרדינטע אמתן, וועלכע דער פּרעכטיקער ראָבערט רייצעל האָט אין זיין „אַרמער טויפעל" אונטערגעשטיצט מיט דערזעלביקער אָפנהערציקייט. יאָרן האָבן פריער געמוזט אַריבער, ביז די דייטשע באַוועגונג האָט זיך פונדאָסניי געקאָנט שאַפן אַ בעסערן אָרגאַן.

אין דער צייט פונעם לאָנדאָנער קאָנגרעס איז נאָך דער אינערלעכער ריס אין דער דייטשער באַוועגונג נישט געהאַט געווען אַזוי בולט, נאָך נישט געווען קיין געשעענער פאַקט, אָבער ס'זיינען שוין געהאַט געמאַכט געוואָרן אַלע צוגרייטונגען אַרויסצוגעבן די נייע צייטונג. צווישן די דייטשע דעלעגאַטן איז אויך געווען פּאַול פּאַוולאָוויטש, דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון „נויעס לעבן", וועגן וועלכן איך האָב שוין דעמאָלסט נישט געהאַט קיין באַזונדערס גוטע מיינונג. ער איז, בלי ספק, געווען אַ קלוגער קאָפּ, וועלכער האָט אויך פאַרשטאַנען, ווי אַזוי פלינק צו פאַרטיידיקן זיין קוק אויף זאַכן. אָבער צו זיין אַ רעדאַקטאָר פון אַ בלאַט האָט ער נישט געהאַט די מינדסטע פעיקייטן. אויך ווי אַ מענטש האָבן אים געפעלט די שטאַרקערע שטריכן, וועלכע האָבן טאַקע לאַנדאַוערן געמאַכט אַזוי סימפּאַטיש. ער האָט אין זיין גאַנצן מהות געהאַט עפּעס אַזאַ מין געוואַלטזאַמע תקיפות, וועלכע אויך זיין אויסערלעך אויסזען האָט נישט געקאָנט פאַרלייקענען. אין זיינע רייד איז אָפט געווען צו באַמערקן אַ קאַלטער ציניזם, וועלכער איז לגמרי נישט מסוגל אַרויסצורופן סימפּאַטיע. זיין שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג און די פאַרלייקענונג פון אַלע פּרינציפּן, וועלכע ער האָט אַמאָל פאַרטראָטן, באַשטעטיקן דאָך אייגנטלעך די אַלטע דערפאַרונג, אַז די עקסטרעמסטע זיינען נישט שטענדיק די צוטרויווירדיקסטע מיטאַרבעטער אין אַ באַוועגונג.

אַ פיל בעסערן איינדרוק האָבן שוין אויף מיר געמאַכט אָסקאַר קאָל און אַלפרעד זאַנפטלעבען, מיט וועלכע איך האָב זיך דעמאָלסט צום ערשטן מאָל באַקענט פּערזענלעך. אויך זיי האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין יענע אינערלעכע קאַמפן, און קאָל איז געשטאַנען קעגן לאַנדאַוערן, וועמען ער האָט אָבער קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט זיין דרך־ארץ ווי אַ מענטש און דענקער, בעת זאַנפטלעבען איז געווען אַן אומקאָנדיציאָנעלער אָנהענגער פון דער „סאָציאַליסט"־ריכטונג. אָסקאַר קאָל, איינער פון יענע שטילע און געטרייע חברים, אָן וועלכע אַ באַוועגונג קאָן קיינמאָל נישט האָבן קיין קיום, איז אַפילו נישט געווען קיין רעדנער אָדער שרייבער, אָבער ער האָט געהאַט אַ קלאָרן קאָפּ און א לויטערן כאַראַקטער, און ער האָט אין נישט פּרעטענציעזער אַקטיוויטעט אויפגעטאָן אומאָפּשאַצבאַרע מעשים פאַר דער באַוועגונג. ווען איך האָב זיך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אומגעקערט קיין דייטשלאַנד, האָב איך אים באַגייס געטראָפן אין זיין געבוירנשטאָט דרעזדען, ווו ער איז געשטאַנען אין דער אַרבעט צווישן די אַקטיווסטע חברים. מיר האָבן זינט דעמאָלסט אָנגעהאַלטן דעם ענגסטן קאָנטאַקט און אפילו רייך־מענטשלעך זיינען אונדזערע באַציונגען געווען

זייער נאָענטע. בעת דעם היטלערישן טעראָר איז קאָל, וועלכער איז שוין דעמאָלסט געווען אַן אַלטער מאַן, במשך פון אַ סך יאָרן געהאַלטן געוואָרן אין געפענקעניש צוליב זיין אַקטיוויטעט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. היינט איז שוין אָסקאַר קאָל אַן 81־יאָריקער זקן, אָבער ער איז נאָך אַלץ אַקטיוו און איינער פון די וויניקע פון דער צייט פון יענע שוין לאַנג פאַרגאַנגענע אינערלעכע קאַמפן, וועלכע לעבן נאָך.

אַ גאָר אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט איז געווען דער אויסגעצייכנטער אַלפרעד זאַנפטלעבען, וועלכער איז במשך פון אַ סך יאָרן געווען אַקטיוו צווישן די דייטשע און איטאַליענישע אַרבעטער פון דער שווייץ און איז שפּעטער פאַרוואָרפן געוואָרן אינעם וויטן קאַליפאָרניע, וווּ ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט איינלעבן ווי עס געהער צו זיין. זיינע גרויסע שפּראַכקענטענישן האָבן פון אים געמאַכט אַן אַנגעזע־ענעם מיטאַרבעטער פונעם „סאָציאַליסט״, וועמען ער האָט אונטערן נאָמען „סלאָוואַק״ רעגלמעסיק צוגעשיקט זיינע אויסגעצייכנטע באַריכטן וועגן דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין אויסלאַנד. אַ באַזונדערן פאַרדינסט האָט זאַנפטלעבען געהאַט דערמיט, וואָס ער האָט זאָרגפול צונויפגעזאַמלט די לאַנג שוין פאַרגעסענע ליטעראַרישע אַרבעטן פונעם איטאַליענישן אַנאַרכיסט דזשיאָוואַני ראָססי, דעם גרינדער פון דער אַנאַרכיסטישער קאָלאָניע „סעסיליאַ״ אין בראַזיל, און זיי איבערגעזעצט אין דער דייטשער שפּראַך.

אויף דעם אופן איז אַנטשטאַנען דאָס אויסגעצייכנטע בוך „אוטאָפּיע און עקס־פּערימענט״, וועלכעס איז אַרויס אין בערלין אין יאָר 1896, אָבער איז היינט שוין פון לאַנג אויספאַרקויפט און נישט צו באַקומען. איך האָב אים נאָך אַ סך יאָרן ווידער געטראָפן אין לאָס אַנדזשעלעס, וווּ ער האָט געלעבט אין זייער באַשיידענע פאַרהעל־טענישן, אָבער אָט־דער פיין־באַגאַבטער פילאָזאָפישער קאָפּ איז אַן אַלטער סטאָיקער, וועמען נישט קיין קראַנקייט און נישט די אומגינציקייט פון די אויסערלעכע לעבנס־באַדינגונגען האָבן געקאָנט משפיע זיין מיט עפּעס. אינעם מוטיקן סטעפאַנוס פּאַביאַ־נאָוויטש האָט ער געפונען אַ געטרייען פריינט, ביז אויך ער איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון אים דורכן טויט. היפּש אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט, לעבט ער נאָך היינט אין זיין שטילער אָפּגעזונדערטקייט אין לאָס אַנדזשעלעס, נאָך אַלץ איבערגעגעבן צו די אידעאַלן פון זיין יוגנט, און ער שרייבט איצט, ווי אַ שטילער באַאָבאַכטער פונעם לעבן, זיינע מיט שמייכלענדיקער צו־להכעיסדיקייט פאָרמולירטע איינדרוקן וועגן מענטשן און זאַכן, וועלכע ער שיקט מיר צו רעגלמעסיק זייט יאָרן שוין.

זעקס אָדער זיבן חדשים נאָכן לאָנדאָנער קאָנגרעס איז אויך געקומען קיין לאָנ־דאָן רודאָלף לאַנגע, וועלכער איז צווישן די דעמאָלסטיקע קעגנער גוסטאַוו לאַנדאַו־ערס געווען איינער פון די וויכטיקסטע קעפּ. ער האָט פאַרלאָזן דייטשלאַנד, כּדי אויסצומיידן אַ תפיסה־שטראָף, און קיין לאָנדאָן איז ער געקומען בעיקר דערפאַר, כּדי זיך צו פּערפעקציאָנירן אין דער ענגלישער שפּראַך. לאַנגע איז געווען אַ פעיקער מענטש, וועלכער האָט אויך געהאַט באַקומען אַ גוטע דערציונג. געבוירן אין דער אַלטער האַנזאַשטאָט ליבעק, האָט ער געהאַט די געלעגנהייט צו פאַרברענגען אַ סך צייט מיט סקאַנדינאַווער און זיך אַזוי אַרום אויסצולערנען די דענישע און שוועדישע

שפּראַך, ענגליש און פראַנצויזיש האָט ער שוין געהאַט געלערנט אין דער שול און דורך אָנגעשטרענגטן זעלבסטשטודיום האָט ער עס שפּעטער געבראַכט אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך אויך אויסגעלערנט גאַנץ פליסיק לייענען שפּאַניש און איטאַליעניש. לאַנגע האָט גערעדט און געשריבן אין אַ גוטן דייטש און איז נאָך דערצו געווען אַ גייסטרייכער, פלינקער רעדנער, ווען מען אַ קעגנער איז נישט געווען אימשטאַנד לייכט אַרויסצובערענגען פון די כלים. לויט דער פיגור — אַ ריז, איז ער פיזיש געווען אויסערגעוויינלעך שטאַרק, כוחות, וועלכע ער האָט, קענטיק, געירשנט פון זיין פאָ־טער, אַ מילנער, מחמת ער האָט מיר איינמאָל דערציילט, אַז דער אַלטער זיינער איז, ווען ער איז אַלט געווען פינפאונצוואַנציק יאָר, אויפן סמך פון אַ געוועט, אַריבער־געשפּרונגען איבער אַ דריטהאַלבן מעטערדיק טייכל מיט א צוויי הונדערט פונטיקן זאַק מעל אויף די פּלייצעס און — געוואונען דעם געוועט. מיין וווינונג אין טשאַרלאָט־סטריט איז נישט געווען זייער הויך און ס׳האָט תמיד געמאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק, ווען דער ריזיק־הויכער, אַביסל אומבאַהאָלפענער מענטש האָט געמוזט טיף איינ־בייגן דעם קאָפּ, כדי צו קאָנען אַריינקומען אין מיין צימער.

אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער פון פאַך האָט לאַנגע, נישט געקוקט אויף אַלע באַמי־אונגען, נישט געקאָנט באַקומען קיין שום שטעלע אין לאָנדאָן, וואָס דאָס איז דע־מאָלסט פאַר אַן אויסלענדער אָן ספּעציעלער פּראָטעקציע געווען זייער שווער, אַפילו אוממעגלעך כימעט. ס׳איז אים דעריבער געגאַנגען היפּש שלעכט און דאָס איז פאַר אַ מענטשן מיט אַזאַ גרויסן קערפּער, וועלכער האָט געקאָנט עסן פאַר צוויי, אָפט געווען זייער עמפּינדלעך. אַזוי ווי ער פלעגט מיך גאַנץ אָפט באַגלייטן אויף מיינע באַזוכן אויף דער מיזרח־זייט פון דער שטאָט, איז ער אויך ביסלעכווייז באַקאָנט געוואָרן מיט די יידישע חברים, צווישן וועמען זיין מעכטיקע פיגור האָט גערופן גרויס אויפממערקזאַמקייט. אין איינעם אַ טאָג האָט ער מיר, איינגאַנצן אַ צעשטראַל־טער פון פרייד, איבערגעגעבן, אַז אייניקע יידישע חברים האָבן אים צוגעזאָגט אויס־צולערנען די קונץ אויסצואַרבעטן שיך צום טאַנצן, ביכדי ער זאָל זיך לסוף קאָנען פאַרדינען אויף חיונה. אָבער די שימחה האָט נישט געדויערט לאַנג. ס׳איז געווען פּשוט אַ רחמנות צו זען זיצן דעמדאָזיקן שווערן מענטשן אויף אַ נידעריק שוסטער־בענקעלע, און ער האָט בעת־מעשה קיינמאָל נישט געוווסט, וואָס ער זאָל טאָן מיט זיינע לאַנגע פיס. נאָך פינף אָדער זעקס וואָכן האָט לאַנגע געמוזט אויפגעבן זיין אַרבעט, מחמת ער האָט ביי איר נישט געקאָנט פאַרדינען אַפילו אויף זאַלץ פאַר דער זופּ. נאָכדעם ווי נאָך אייניקע אַנדערע פּרוון זיינען דורכגעפאַלן, האָט ער לסוף באַשלאָסן זיך אומצוקערן קיין דייטשלאַנד, ביכדי אָפּצוקומען זיין שטראָף. נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזט די תפיסה, האָט ער זיך באַזעצט אין בערלין, ווו ער האָט זיך ביז צו זיין טויט גאַנץ אַקטיוו באַטייליקט אין דער באַוועגונג.

מיר זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען אין שריפטלעכער פאַרבינדונג און האָבן זיך אויך שפּעטער פערזענלעך געטראָפן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. זיין לעצטער בריוו, וועלכן ער האָט געשריבן צו מיר אייניקע טעג פאַר זיין טויט, איז צו מיר אָנגעקומען דעמזעלביקן טאָג, ווען ענגלאַנד האָט אין יאָר 1914 דערקלערט קריג צו

דייטשלאַנד. ער האָט אין יענעם בריוו גערעדט מיט אַ פיינעם הומאָר וועגן זיין נאָענטן טויט און די קלוגע איראָניע, וועלכע האָט שטיל אַרויסגעזשאַרעט פון די שורות פון אָט־דעם לעצטן בריוו, האָט אָנגעוויזן, אַז זיין קאָפּ האָט ביז צום סוף גאָר־נישט פאַרלוירן פון זיין אינערלעכן שווונג.

רודאָלף לאַנגע איז זיכער געווען איינער פון די באַדייטנדיקסטע געשטאַלטן, וועלכע די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג אין דייטשלאַנד האָט אַרויסגעבראַכט. ווי דער רוב פון אונדז, האָט אויך ער דורכגעמאַכט די שול פונעם דייטשן מאַרקסיזם און זיך שפּעטער צוגעשטעלט צו דער באַוועגונג פון די „יונגע", ווען זיי האָבן זיך שוין, אונטער לאַנדאַוערס השפּעה, געהאַלטן אין פאַרנעמען אופן וועג צום אַנאַרכיזם. דווקא דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ גרינטלעכער קענער פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור און ווייל ער האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויס פאַרשטענדעניש פאַר דעם היס־טאָרישן אַנטוויקלונגסגאַנג אין דער סאָציאַלער באַוועגונג, איז אים זיין אייגענע אַנטוויקלונג געוואָרן נישט לייכט. ווען איך האָב זיך מיט אים צוערשט באַקענט אין לאַנדאָן, איז ער נאָך געווען פעסט איבערצייגט, אַז דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם איז אין אַלגעמיין ריכטיק, אָבער אַז ער האָט דורך די שפּעטערדיקע מעטאָדן פון די מאַרקסיסטן פאַרלוירן זיין אייגנטלעכן זין. מיר האָבן זיך דעמאָלסט היפּש דורכגע־שמועסט און דיסקוטירט וועגן אָט־דעם פונקט, ביז אויך ער האָט ביסלעכווייז איינ־געזען, אַז ענגהאַרציקע אמונה אין דאָגמעס איז נישט בלויז די צרה פון קליינע סעקטעס, נייערט אַז זי מוז אויך ווערן אַן אומגליק פאַר גרויסע באַוועגונגען.

לאַנגע האָט זיך תמיד געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז ס'איז נישט גענוג בלויז צו געווינען פאַרן אַנאַרכיסטישן אידעאַל איינצלנע אָנגעזעענע קעפּ, נייערט אַז דווקא אין אַזאַ לאַנד ווי דייטשלאַנד, ווו די אויטאָריטערע טראַדיציע האָט זיך אַזוי טיף פאַרוואָרצלט אינעם פאָלק, איז פריער פון אַלץ וויכטיק אַרויפצופירן דאָס אינסטינקט־טיווע דענקען און פילן פונעם פאָלק אויף נייע דרכים און עס צו באַפרייען פונעם באַלאַסט פון טויטע לאָזונגען און דאָגמאַטישע באַגריפן. אַזוי האָט ער מיר איינמאָל געשריבן אין אַ לאַנגן בריוו, אַז דער דורכשניטלעכער מענטש אין סאָציאַלע באַוועגונגען באַנעמט קיינמאָל נישט די טעאָרעטישע ענינים אין דער גאַנצער טיפקייט זייערער, אָבער ער איז יאָ אימשטאַנד אָנצונעמען ווי זיינע אייגענע געוויסע הנחות, וועלכע זאָלן געבן אַ באַשטימטע ריכטונג זיינע פּראַקטישע טואונגען. ער האָט דערביי פאַרגלייכט די סאָציאַלע באַוועגונג אין דייטשלאַנד מיט דערזעלביקער אין שפּאַניע און געמיינט, אַז מ'קאָן קוים אָננעמען, אַז ס'איז שווער צו גלייבן, אַז די הונדערטער טויזנטער אַרבעטער און פּויערן, וועלכע האָבן זיך אין שפּאַניע אָנגעשלאָסן צו דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, זיינען געווען אויסגעבונדן אין אַלע טעאָרעטישע ענינים. אָבער די אַנאַרכיסטישע מאַסן־דערציונג גופא אין יענע לענדער זאָל אין משך פון אַ סך יאָרן פון פרייהייטלעכע שטרעבונגען האָבן אויסקריסטאַליזירט אינעם פאָלק אַ באַשטימטע טראַדיציע, וועלכע מאַכט זיך אומעטום באַמערקבאַר, און ס'איז אויף איר חל, אין דער צייט פון אַ געזעלשאַפטלעכן איבערקער, צו שפּילן אַן אַנטשיידנ־דיקע ראָלע. אָבער אין דייטשלאַנד זאָל אַ טויטע אמונה אינעם וואָרט האָבן דערשטיקט

יעדע פרייהייטלעכע לעבעדיקייט און דערמיט איז געבראַכן געוואָרן די ווידער־שטאַנדספעיקייט לגבי דער הערשנדיקער מאַכט.

אַט־דערדאָזיקער באַנעם איז עס געווען, וועלכער האָט לאַנגען געשטערט צו קומען אין נענטערן קאָנטאַקט מיט לאַנדאַוערן, פאַר וועמען ער האָט, אַגב, געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ ווי אַ מענטש און דענקער, און מיט דער ריכטונג פונעם „סאָציאַליסט“. דעריבער האָט ער זיך אַזוי שטאַרק, מיט דער גאַנצער ענערגיע, אַרויסגעשטעלט פאַר דער גרינדונג פון אַ גוטן פּראָפּאַגאַנדע־בלאַט, ביכדי צו העלפן דער באַוועגונג צו באַקומען אַ גרעסערע אָנהענגערשאַפט. ווען אָבער ס׳איז שפּעטער אַרויס „נויעס לעבען“, האָט ער באַלד איינגעזען, אַז אַזאַ בלאַט קאָן לגמרי נישט באַפרידיקן די אויפגאַבן, וועלכע ער אַליין האָט געהאַט אין זיין געדאַנק. ער האָט מיר וועגן דעם געשריבן איינמאָל און נאָכאַמאָל, ווען איך האָב אים אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג, אָבער ער האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז ס׳וועט מעגלעך זיין אויפצוהייבן דאָס בלאַט ביסלעכווייז אויף אַ העכערער מדרגה. ווען מאָסט און רייצעל האָבן דערנאָך די נייע צייטונג אומברחמנותדיק אַראָפּגעריסן, האָט לאַנגע אין „נויעס לעבן“ פאַר־עפנטלעכט אַ אין סטיל און אינהאַלט גלענצנדיק אָנגעשריבענעם ענטפער, וועלכער האָט ביי רייצלען אַרויסגערופן זייער ערנסטע געדאַנקען און אים באַוויגן אָפּצודרוקן לאַנגעס מאמר אינעם „אַרמען טויפעל“, נישט געקוקט דערויף, וואָס לאַנגע האָט דווקא אים צום שאַרפסטן אָנגעגריפן. זיין קוק אויפן עינין האָט רייצעל צוליב דעם נישט געביטן, אָבער ער האָט זיך מכוון געווען פון איצט אָן אַרויסצוווייזן אַ בעסער פאַרשטענדעניש צו די געשעענישן אין דייטשלאַנד.

וואָלטן די אַרויסגעבער פון „נויעס לעבען“ דעמאָלסט געווען געהאַט די געהע־ריקע פאַרשטענדעניש איבערצוגעבן לאַנגען די אָנפירונג פונעם נייעם בלאַט, וואָלט ער זיכער דערפון געווען געקאַנט עפּעס מאַכן, מחמת ער איז אין יענעם קרייז געווען דער איינציקער, וועלכער האָט באמת געהאַט אַלע פעיקייטן דערצו. ס׳איז אַפילו נישט געווען אויסגעשלאָסן, אַז דער „סאָציאַליסט“ און „נויעס לעבען“ וואָלטן אין דעם פאַל ביידע געווען געקענט עקזיסטירן צוזאַמען און זיך קעגנזייטיק דערגאַנצן. אָבער צו דעם איז קודם־כל נייטיק געווען גוטער ווילן און קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש, וועלכע זיינען אין דייטשלאַנד געווען זייער זעלטן צו געפינען. דערמיט, וואָס מ׳האָט פּאַוולאָוויטשן איבערגעגעבן די אָנפירונג מיט דער צייטונג, האָט מען, אַזוי צו זאָגן, געמאַכט דעם צאַפּ פאַר אַ גערטנער און חרוב געמאַכט עפּעס גוטס, עס נישט קענענ־דיק פאַרבייטן מיט עפּעס אַנדערש, בעסערס. אַ סך חברים אין דייטשלאַנד האָבן עס טאַקע באַלד איינגעזען און געפּרוווט איבערצוגעבן לאַנגען די רעדאַקציע פון „נויעס לעבען“, ווען ער האָט זיך ווידער אומגעקערט אַהיים. האָט זיך אָבער קעגן דעם אַרויסגעשטעלט פּאַוולאָוויטש, וועלכער איז נישט געווען קיין מבין אויף די ענגע גרענעצן פון זיינע פעיקייטן, און געמאַכט פונעם עינין אַ זאַך פון פּרעסטיזש. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען אַ נייע שפּאַלטונג אין דער שוין אויך אָן דעם קליינער באַווע־גונג. פּאַוולאָוויטש און זיינע אָנהענגער האָבן געפּרוווט מיט אַלע מיטלען אַרויסצו־שטויסן לאַנגען פון דער באַוועגונג און זיי האָבן זיך דערביי באַנוצט מיט די שמוציק־

סטע און אָפּשטויסנדיקסטע מיטלען, ביכדי צו דערגרייכן דעמדאָזיקן צוועק. דאָס איז זיי, פאַרשטייט זיך, נישט געלונגען און דער סוף איז געווען, אַז פאַוולאָוויטש אַליין האָט לסוף פאַרלאָזט די באַוועגונג און זיך אויסגעזוכט אַ נײַ טעטיקייטספעלד אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אָבער די אומווירדיקע מחלוקה, וועלכע איז צוליב אָט־די העסלעכע געשעענישן פונדאָסניי אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער באַוועגונג, האָט נאָך לאַנג נאָך דעם געווירקט און געשטערט יעדע פּרוכפּעריקע אַרבעט.

לאַנגען איז בשעת יענע באַדויערלעכע פּאַסירונגען אויסגעקומען פּסיכיש שטאַרק צו ליידן, מחמת ער איז אַן זיין אייגענער שולד אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ לאַגע, וועמענס שעדלעכקייט ער אַליין האָט צום בעסטן איינגעזען. אָבער נאָכדעם ווי מען האָט אים אָן יעדן מאָטיוו אין „בויעס לעבן" עפנטלעך אַרויסגעשטעלט ווי אַ שווינד־לער און שעדיקער פון דער באַוועגונג, האָט קיינער אים נישט געקאָנט פאַריבל נעמען, ווען ער האָט זיך מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט געשטעלט אין אַ פּאַרטיי־דיקונגספּאָזיציע קעגן אָט־דער שענדלעכער פאַרלוימדונג, ביכדי צו באַשיצן זיין ערלעכן נאָמען. און דווקא די עלטערע דייטשע באַוועגונג האָט גאַנץ אָפּט געהאַט צו ליידן און אויסצושטיין פון אַזעלכע פּאַסירונגען, און דאָס לאָזט זיך דערקלערן נאָר דורך די גאַנצע פאַרהעלטענישן אין דייטשלאַנד. דער גרעסטער רוב פון די עלטערע חברים איז דורכגעגאַנגען דורך דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער מיל און זיי האָבן דערמיט איבערגענומען אַ ירושה, וועלכע ס'איז נישט געווען לייכט אַראָפּצוטרייסלען פון זיך. איינרעדעניש פון אומפעלבאַרקייט און אַן אייזערנע דיסציפּלין, וועלכע לאָזן נישט אַנטשטיין קיין שום פרייען געדאַנק, זיינען די ערגסטע שול פאַר דער אַנטוויק־לונג פון קעגנזייטיקער טאָלעראַנץ און פאַרשטענדיקונג. גוסטאַוו לאַנדאַוער איז, בכן, בשום אופן נישט געווען אומגערעכט, ווען ער האָט אין יענע טעג אויסגעדריקט אָט־די ווערטער: „אַ סך פון אונדזערע אייגענע חברים זיינען, צום באַדויערן, נישט עפּעס אַנדערש ווי סאָציאַלדעמאָקראַטן, פאַרדאָרבענע דורך דער אַנאַרכיסטישער דערציונג". צו דעם קומט־צו נאָך אַן אַנדערער אומשטאַנד: די באַוועגונג איז לויט איר צאָל געווען אַזוי שוואַך, אַז יעדע מיינונגספאַרשידנקייט האָט געמוזט דערפירן צו שווערע אינעווייניקסטע רייבונגען. אויף אַ ברייטערן געביט פון טעטיקייט געפינט סוף־כל־סוף יעדער איינער פּלאַץ פאַר זיין אַקטיוויטעט. אָבער אין אַ קליינער באַווע־גונג, ווו די מענטשן זיינען געצוווּנגען תמיד זיך צוזאַמענצוקומען נאָר אין די קלענ־סטע קרייזן, איז פאַראַן אַ פיל גרעסערע מעגלעכקייט פאַר אינערלעכע רייבונגען און קאָנפליקטן.

און דאָס האָט אויך רודאָלף לאַנגע גאַנץ ביטער געמוזט דורכמאַכן. ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין קליינלעכער קרעמער און נאָך ווייניקער אַ רעוואָלוציאָ־נערער פּיליסטער, פון וועלכע ס'איז דווקא אין דייטשלאַנד געווען אַזוי פיל. אַ מאַן מיט אַ ברייטער וועלטוויזיע און מיט ווירקלעכע פעיקייטן, האָט ער תמיד געקעמפט מיט אַן אָפענעם שטערן, און זיך קיינמאָל נישט געלאָזט אַראָפּשטופּן אויף הינטער־וועגן. די פון אים רעדאַקטירטע האַלבמאָנאַטלעכע שריפט „דער אַנאַרכיסט" איז

זיכער געווען איינער פון די בעסטע זשורנאַלן אין דייטשלאַנד. ער איז געבליבן געטריי צו דער באַוועגונג ביז צום סוף און זיין פריער טויט האָט איבערגעלאָזט אַ בלויז, וועלכער האָט נישט לייכט געקאָנט אויסגעפילט ווערן. ערשט פּאַר אַ שפּע־טערדיקן, אַ יינגערן, דור, וועלכער איז שוין געהאַט אויפגעוואַקסן ביי אַנדערע גייס־טיקע אומשטענדן, איז עס געווען רעזערווירט שפּעטער אין דייטשלאַנד אַרויסצו־ברענגען צום לעבן אַ מזלדיקערע באַוועגונג.

# די שוידערלעכקייט פון מאָנטכואיטש

באַלד נאָכן לאָנדאָנער קאָנגרעס זיינען מיר שטאַרק אויפגעטרייסלט געוואָרן צוליב שרעקלעכע ידיעות, וואָס זיינען צו אונדז אָנגעקומען פון שפּאַניע. דעם 7טן יוני 1896 האָט אַן אומבאַקאַנטער אין דער גאַס קאַמביאָס נועוואָס פון באַרסעלאָנאַ געוואָרפן אַ באָמבע אויף אַ רעליגיעזער פּראָצעסיע, פון וועלכער עטלעכע מענטשן זיינען געהרגעט און אַנדערע זיינען פאַרוווּנדעט געוואָרן. קיינער האָט נישט געוווּסט, ווער ס'האָט דורכגעפירט יענעם אומזיניקן אַטענטאַט. אָבער די שפּאַנישע רעגירונג האָט תיכף אויסגענוצט די געלעגנהייט, בּיכדי אָנצוהייבן איינע פון אירע אַזוי אָנגענומענע אַנאַרכיסטן־העצעס אין גרויסן פאַרנעם, וועלכע שפּאַניע האָט אַזוי אָפט געמוזט דורכלעבן. און דאָס האָט פּאַסירט, נישט געקוקט דערויף, וואָס די גאַנצע אַנאַרכיסטישע פּרעסע פון לאַנד, וועלכע איז נישט תיכף אונטערגעדריקט געוואָרן, האָט מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט אָפּגעוואָרפן די אחריות פאַר יענער אומזיניקער האַנדלונג. די שפּאַנישע אַנאַרכיסטן האָבן פון זינט די טעג פונעם „ערשטן אינטערנאַציאָנאַל" געהאַט צו ליידן פון געוואַלדיקע אכזריותדיקע רדיפות. ווי מוטיקע מענטשן, וואָס זיי זיינען תמיד געווען, האָבן זיי באַשיצט און באַשירעמט זייער הויט אַזוי גוט ווי זיי האָבן נאָר געקאָנט. און ווען די רעאַקציע האָט געטראָטן אין דער בלאָטע יעדן מין מענטשנרעכט, האָבן זיי אָפט אַרויסגעשטעלט קעגן דער געוואַלט פון אויבן די געוואַלט פון אונטן, בּיכדי צו באַשיצן זייער רעכט. פאַקטיש זיינען אין קיין שום לאַנד נישט פאָרגעקומען אַזוי פיל רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן און אַזוי פיל בונטאַרישע אַטענטאַטן פון יחידים ווי דווקא אין שפּאַניע. און טאַקע דערפאַר, ווייל אין שפּאַניע האָט זיך דער אַנאַרכיזם אַנטוויקלט אין אַן אמתער פאָלקס־באַוועגונג, איז אויך די אחריות פון די חברים לגבי דער באַוועגונג געווען פיל שטאַרקער פאַרפעסטיקט און איז עס געבליבן ביז צום היינטיקן טאָג.

די שפּאַנישע חברים האָבן קיינמאָל נישט פאַרלייקנט קיין מעשים, וועלכע זיינען גורם געוואָרן דורך אייגנווילליקער געוואַלטהערשאַפט און וועלכע זיינען אָקצעפּטירט געוואָרן דורכן נאַטירלעכן געפיל פאַר גערעכטיקייט מיצד דעם פאָלק. דער איצטיקער אַטענטאַט אָבער האָט בשום אופן נישט געקאָנט געפינען קיין באַרעכטיקונג אָדער אַנטשולדיקונג, ווייל קיין שום מענטש, וועלכער קאָנטראָלירט זיינע פינף חושים, האָט נישט געקאָנט גלייבן, אַז דורך אַזאַ מין נימאס־מיאוסן אַטענטאַט קאָן

מען דינען וועלכן ס'איז אידעאַל. געוואַלט־מעשים זיינען גאַנץ אָפט אין דער גע־שיכטע געווען דאָס לעצטע מיטל, ביכדי צו פּאַרטיידיקן מענטשלעכע רעכט קעגן אָפּענעם דעספּאָטיזם, ווען מ'האָט נישט געהאַט קיין אַנדער מיטל פאַרן זעלביקן צוועק. אָבער געוואַלט־מעשים זיינען קיינמאָל נישט געווען קיין מיטל, ביכדי צו ענדערן די מיינונג פון די מענטשן און זיי מאַכן דענקען אַנדערש ווי זיי דענקען. בלויז דורך דערציונג און באַשטענדיקער איבעראַנדערשונג פון די אַרומיקע לעבנס־פאַר־העלטענישן פאַרענדערט זיך אויך דער גייסטיקער קוק אויף זאַכן ביי די מענטשן. און טאַקע דאָס האָבן דווקא די שפּאַנישע אַנאַרכיסטן צום טיפסטן פאַרשטאַנען, מחמת זיי האָבן אויפן געביט פון דער פאָלקסדערציונג דורכגעפירט אַן אַרבעט, וועלכע האָט דעם אַנאַרכיזם אין שפּאַניע געמאַכט פאַר אַן אמתן קולטור־טרעגער.

פון זינט די טעג פונעם אינטערנאַציאָנאַל ביז צו דער אַנטוויקלונג פון דער „קאָנפעדעראַסיאָן נאַסיאָנאַל דעל טראַבאַכאָ", די שטאַרקסטע אַרבעטעראָרגאַניזאַ־ציע, וואָס שפּאַניע האָט ווען ס'איז געהאַט, איז מין הסתם אין יענעם לאַנד נישט געווען קיין איין אַנאַרכיסטישער קאָנגרעס, וועלכער זאָל זיך נישט געווען פאַרנעמען מיט די עיניגים פון דערציונג. די טרויעריקע קולטורעלע פאַרהעלטענישן אונטער דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע האָבן פון זיך אַליין געצוווּנגען זיך צו פאַרנעמען מיט אָט־דער אויפגאַבע. אין קיין שום אַנדערן לאַנד האָט די פרייע שול נישט געשפּילט אַזאַ ראָל ווי דווקא אין שפּאַניע. פון 1851, ווען דער סאָציאַליסטישער פעדעראַליסט אַנטאָניאָ סערוועראַ האָט אין מאַדריד געגרינדעט די ערשטע פון דידאַזיקע שולן, ביז צו דער צייט פון פראַנסיסקאָ פערערער און זיינע שפּעטערדיקע נאָכגייער, איז אין שפּאַניע געווען הונדערטער אַזעלכע שולן, וועלכע זיינען ביטער באַקעמפט געוואָרן פון דער קירך און פון דער רעגירונג, אָפט אונטערדריקט געוואָרן מיט די ברוטאַל־סטע מיטלען. דעם מיניסטער בראַוואָ מורילאָס ציניש ווערטער: „שפּאַניע דאַרף נישט קיין אַרבעטער, וועלכע זאָלן קאָנען לייענען און שרייבן; אין וואָס מיר נייטיקן זיך, איז אין פשוטע לאַסט־חיות" — זיינען שטענדיק געווען דער לייטמאָטיוו פון דער סאָציאַלער און קלעריקאַלער רעאַקציע אין יענעם לאַנד.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס אַלעס איז געווען באַקאַנט און ס'האָט קיינער נישט געקאָנט צווייפלען, אַז דער אַטענטאַט אין קאַמביאָס נואוואָס האָט געקאָנט זיין דער אויפטו פון איין מענטש בלויז, האָט מען אין באַרסעלאָנאַ באַלד נאָך יענעם אומזיניקן אַטענטאַט אַרעסטירט איבער דריי הונדערט און אַכציק מענטשן, דער גרעסטער רוב פון זיי אַנאַרכיסטן, אָבער אויך אייניקע רעפּובליקאַנער צווישן זיי. א סך פון די אַרעסטירטע זיינען געשלאָסן געוואָרן אין קייטן און אַריינגעוואָרפן גע־וואָרן אין די קעלערן פון אַן אַלטער קריגסשיף אין באַרסעלאָנער האַפן. אָבער דער רוב איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער אַלטער פעסטונג מאָנטכואיטש, וועלכע איז געהאַט אויפגעבויט געוואָרן נאָך פון די אַראַבער און פלעגט פונעם פאָלק אָנגערופן ווערן „על קאַסטיליאָ מאַלדיטאָ" (דער פאַרשאָלטענער שלאָס), מחמת ס'איז דאָרט דורכגעפירט געוואָרן מער בלוטיקע שוידערלעכקייטן ווי אין וועלכער ס'איז אַנדערער פעסטונג פון דער טיראַניי. במשך פון עטלעכע חדשים האָט מען פון די אַרעסטירטע

לחלוטין גאַרנישט געהערט. אָבער לסוף האָבן זיך דורכגעזיפּט דורך די גראָבע מויערן פון דער אַלטער פעסטונג אומהיימלעכע ידיעות, וועלכע האָבן אָנגעפילט די גאַנצע וועלט מיט שוידער. אייניקע אַרעסטירטע האָבן באַוויזן אַרויסצושמוגלען בריוו פון דער פעסטונג, וועלכע זיינען אָנגעקומען צו די גרויסע צייטונגען פון מאַד־ריד און פּאַריז. די אַנטדעקונגען, וועלכע זיינען דאָ געמאַכט געוואָרן, זיינען געווען אַזוי גרויליק, אַז מ׳האָט לכתחילה געצווייפלט אין זייער ריכטיקייט. אָבער באַלד נאָכדעם האָבן די אַרויסגעבער פון דער רעפּובליקאַנישער טאָג־צייטונג „על פּאַיס״ אין מאַדריד, און אַנרי ראָשעפאָר, דער רעדאַקטאָר פונעם „אינטראַנסיזשענט״ אין פּאַריז, באַקומען בריוו פון באַאַמטע פון דער פעסטונג מאָנטכואיטש, בריוו, וועלכע האָבן אַנטהאַלטן אַזעלכע פּחדימדיקע פּרטים, אַז זיי האָבן באַזייטיקט יעדן ספק. אין יענע בריוו זיינען געווען אויסגערעכנט נישט נאָר די נעמען פון די אַרעסטירטע, וועלכע זיינען געפּייניקט געוואָרן, נייערט אויך פון די פּייניקער, וועלכע האָבן זיי דורכגעפירט.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז הינטער די שווייגנדיקע ווענט פונעם „קאַסטיליאָ מאַלדיטאָ״ זיינען איינגעפירט און באַנייט געוואָרן אַלע פּחדים פון דער אינקוויזיציע. די שפּאַנישע רעגירונג, וועלכע האָט געוואָלט, אויפן סמך פונעם געשעעניש אין באַרסעלאָנאַ, אונטערדריקן די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג אין גאַנצן לאַנד מיט איין קלאַפּ, דורך איינעם פון די שענדלעכסטע אויסנאַמגעזעצן, האָט אָן ספק איבערגע־שיקט צו די מיליטערישע ריכטער אין באַרסעלאָנאַ געהיימע אינסטרוקציעס, בּיכדי צו קאָנען דורכצופירן איר פּלאַן. פאַר דעם צוועק האָבן די אויספאָרשונגס־אויטאָרי־טעטן געמוזט אָנווענדן אַלע מיטלען, כדי אַרויסצובּרענגען פּרטים און דאַטן וועגן אַ גרויסער קאָנספּיראַציע, וועלכע האָט דאָס געזאָלט האָבן פאַרטראַכט און דורכגעפירט דעם אַטענטאַט מיט דער באָמבע אין קאַמביאָס נועוואָס. דאָס איז אָבער מעגלעך געווען נאָר ביתנאַי, ווען די אַרעסטירטע וועלן געצווינגען ווערן זיך מודה צו זיין, בּדי צו האָבן די נייטיקע באַווייזן וועגן דער קאָנספּיראַציע. און די אויספאָרש־ריכ־טער האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר די מיטלען, זיי האָבן געהאַט אין דער פעסטונג אַ ווילליקן תליון, דעם לייטענאַנט נאַרסיסאָ פּאָרטאַס, וועלכער האָט שוין אין אַזעלכע עיניגים געהאַט די נייטיקע דערפאַרונג.

קודם־כל האָט מען פון צווישן די פאַרהאַלטענע אַרויסגעזוכט יענע, וועלכע מ׳האָט פאַר יעדן פּריַיז געוואָלט באַוועגן מודה צו זיין. יענע אומגליקלעכע זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן צו די אכזריותדיקסטע פּייניקונגען. האָט מען זיי אַלע דערנערט מיט געזאַלצענעם פלייש און צו זיי נישט געוואָלט צולאָזן אַפילו אַ טראָפּן וואַסער, אַזוי אַז אייניקע האָבן אין פאַרצווייפלונג געטרונקען זייער אייגענע השתנה. מ׳האָט זיי נישט געלאָזט שלאָפן און דורך שמייסן זיי מיט בייטשן האָט מען זיי געצוווּנגען כסדר אַרומצוגיין, ביז זיי פלעגן אָוועקפאַלן. אַנדערע זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן צו דער אַזוי גערופענער „באַסטאָנאַדאָ״, — מ׳פלעגט זיי מיט שטאָלענע ריטלעך שלאָגן אויף די זוילן פון זייערע פיס. נאָך אַנדערע האָט מען אַרויסגעריסן די נעגל פון זייערע פינגער און זיי אַריינגעשטופּט שאַרפע קליינעס צווישן די פינגער־

פון די פיס. מ׳האָט אַריינגעקוועטשט זייערע קעפּ אין אייזערנע העלמען, דורך וועלכע מ׳האָט דורכגעלאָזט שטאַרקע עלעקטרישע שטראָמען. איינער פון די געפּייניקטע, לואיס מאַס, איז אַזוי אַרום דערפירט געוואָרן צו משוגעת. מ׳האָט ביי זיי צעקוועטשט די טעסטיקלען און ביי זיי צעריסן די אורינקאַנאַלן דורך אריינשטופּן אין זיי שטיקלעך שפּיציקע ריטלעך און סטרונעס פון גיטאַרעס. מ׳האָט געבערענט זייערע קערפּערס מיט אָנגעגליטן אייזן און מיט אַזויגערופענע ספּעציעלע צווענגלעך זיי אויסגעהאַקט די ציין. די פּעיקייט אויסצוגעפינען נייע טאָרטורן איז ביי אָט־דידאָזיקע העסלעכע קנעכט געווען אומבאַגרענעצט.

אייניקע פון די אַרעסטירטע, ווי למשל פראַנסיסקאָ גאַנאַ, זיינען געווען גענוג שטאַרק אויסצוהאַלטן אַלע פּייניקונגען און זיך נישט לאָזן באַוועגן מודה צו זיין. אָבער אַנדערע זיינען דורך די שרעקלעכע יסורים, וועלכע מ׳האָט זיי אָנגעטאָן, דערפירט געוואָרן צו אַזאַ צושטאַנד, אַז זיי האָבן לסוף צוגעגעבן אַלעס, וואָס מ׳האָט פון זיי פאַרלאַנגט. דאָס איז לייכט צו פאַרשטיין, ווען מ׳ווייסט, אַז נישט ווייניקער ווי עלף פון די אַרעסטירטע האָבן אויסגעהויכט זייער לעבן בעת די פּייניקונגען. מ׳האָט זיי פּשוט און פּראָסט איינגעצייט אין זעק און זיי אַריינגעוואָרפן אין ים. ווען מ׳האָט שוין געהאַט דאָס פאַרלאַנגטע מודה זיין זיך, האָט מען קודם־כל אָפּגעשיקט זיבנאונצוואַנציק פון די אָנגעקלאָגטע צום געריכט. דער מישפּט איז פאָרגעקומען פון 10טן ביזן 15טן דעצעמבער פאַר א קריגסגעריכט אין באַרסעלאָנאַ, ביי פאַרמאַכטע טירן. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט, אַז אַ סך פּרטים פון אָט־דער שוידערלעכער יוסטיצקאָמעדיע זאָל גאָר אינגיכן אַרויסקומען אין דער עפנטלעכקייט. אַ סך פון די אָנגעקלאָגטע האָבן זיך, אונטערן דרוק פון די שרעקלעכע פּייניקונגען, מודה געווען צו האָבן באַגאַנגען אַ פאַרברעך, וועלכעס זיי זיינען קיינמאָל נישט באַגאַנגען. אָבער ווען זיי זיינען געשטאַנען פאַר זייערע ריכטער, האָבן אַלע אָפּגעוואָרפן, אָפּגעלייקנט זייערע פריערדיקע דערקלערונגען. זיי האָבן אַראָפּגעריסן די מלבושים פון זיך און געוויזן די ריכטערס זייערע געשענדטע קערפּערס, זייערע צעקאַליעטשעטע געשלעכטסאָרגאַנען, זייערע פינגער פון הענט און פיס אָן נעגל. עס איז דערביי דערגאַנגען צו שרעקלעכע סצענעס, ביפּרט ווען איינער פון די אָנגעקלאָגטע, טאָמאַס אַשטשערי, האָט דעם אָנווּעזנדיקן לייטענאַנט פּאָרטאַס אָנגערופן פּחדנישער הענקער און מערדער און דער פּאָרזיצער האָט אים דערפאַר געוואָלט צונעמען דאָס וואָרט. אָבער די פאַרטיידיקער פון די אָנגעקלאָגטע, שפּאַנישע אָפיצירן אַלע, האָבן זיך מיט דער גאַנצער ענערגיע אַרויסגעשטעלט קעגן דעם, און אַשטשערי האָט אַזוי אַרום ווייטער געקאָנט רעדן. אייניקע פון די פאַרטיידיקער האָבן פּאָרטאַסן אַריינגעשריגן אין פּנים אַריין, אַז ער איז אַ נידערטרעכטיקער מערדער און אַז ער האָט באַשמוצט זייער שטאַנד. איינער פון זיי איז אַפילו דערגאַנגען אַזוי ווייט אַרויסצורופן דעם געוויסנלאָזן תּליון צו אַ דועל. די מוטיקע האַלטונג פון די אָנגעקלאָגטע און פון זייערע פאַרטיידיקער האָט הויפּיק דערפירט צו אַזעלכע שטורמישע סצענעס, אַז דער פּאָרזיצער האָט אָפּט געמוזט אָפּלייגן די פאַרהאַנדלונגען פונעם געריכט אויף שעהנלאַנג.

פונדעסטוועגן האָט דער פּראָקוראַטאָר, ענריקע מאַרסאָ, נישט געהאַט קיין אָפּ־האַלט צו פאַרלאַנגען אַכטאונצוואַנציק טויטאורטיילן. אין זיין רעדע האָט דער דערדאָזי־קער ערנמאַן גאַנץ אָפן צוגעגעבן, אַז ס'זיינען קעגן די אָנגעקלאָגטע נישט פאַראַן קייןווירקלעכע באַווייזן, „אָבער אין אַנבליק פון דער גרויסקייט פונעם פאַרברעך און דער צאָל פון די אָנגעקלאָגטע מוז דאָס געריכט פאַרמאַכן די אויגן פון דער פאַר־בונפט („סערראַר לאָס אָכאָס אַ לאַ ראַסאָן") און פאַרמישפּטן אַלע אָנגעקלאָגטע סיי ווי גורמים אָדער מיטבאַטייליקטע אינעם אַטענטאַט". דאָס געריכט האָט איבער 8 פּערזאָנען אַרויסגעגעבן א טויטאורטייל, 24 זיינען פאַרמישפּט געוואָרן פון 18 ביז 20 יאָר שווערע טורמע און 27 — צו אַכטיעריקער געפענקעניש. בלויז 12 פון די אָנגע־קלאָגטע זיינען באַפרייט געוואָרן, צווישן זיי אויך די אומדערמידלעכע קעמפערן טערעסאַ קלאַראַמונט.

אָבער די גרויליקע טראַגעדיע האָט אַרויסגערופן אַזאַ שטורעם פון אויפברויז אין אַלע ציוויליזירטע לענדער, וואָס איך האָב אַזעלכן קיינמאָל נישט מיטגעלעבט, נישט פריער און אויך נישט שפּעטער. און נישט בלויז אַנאַרכיסטן און רעוואָלוציאָ־נערן זיינען עס געווען יענע, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין אָט־דעם אַלגעמיינעם וועלטפּראָטעסט און זיך אָנגענומען פאַר דער געשענדטער מענטשהייט, נייערט אויך מענטשן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן. מענער און פרויען, וועמענס נעמען זיינען געווען באַקאַנט ווייט און ברייט אויך מחוץ די גרענעצן פון זייער לאַנד, אַזעלכע ווי זשאָרזש קלעמאַנסאָ, אַנרי ראָשעפאָר, מאַדאַם סעווערינע, מאַרסעל סעמבאַר, פ. פּי אי מאַרגאַל, אַוגוסט בעבעל, פרידריך שפּילהאַגען, ווילהעלם ליבקנעכט, מאָרריס פאַן עגידי, פּראָפ. ג. פּאַרעל, וואַלטער קראַנע, קעיר האַרדי, ה. בלאַטשפאָרד און הונ־דערטער אַנדערע, צווישן זיי פאַרלאַמענטאַריער, שריפטשטעלער, קינסטלער, יוריס־טן און פאַרטרעטער פון אַלע אינטעלעקטועלע פּראָפעסיעס זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן די שפּאַנישע הענקערס. טויזנטער פּראָטעסטפאַרזאַמלונגען אין אַלע לענדער זיינען דורכגעפירט געוואָרן פאַר דער אומשולדיקייט פון די קרבנות און געשליידערט אין פנים פון די פאַרברעכער זייער באַשולדיקונג. אַלע ליבעראַלע טאָגצייטונגען אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, איטאַליע, האָלאַנד, בעלגיע, די סקאַנדינאַווישע לענדער, דער שווייץ און אין נאָרד־ און זיד־אַמעריקע האָבן געדרוקט די בריוו פון די קרבנות און פאַרלאַנגט פון דער שפּאַנישער רעגירונג אַ רעוויזיע פונעם פּראָצעס. אפילו אין שפּאַניע גופא האָבן זיך אַזעלכע בירגערלעכע צייטונגען ווי „על פאַיס", „לאַס דאָמיניקאַלעס", „על נועוואָ רעכימען", „לאַ כוסטיסיאַ", „על ליברע פענסאַ־מיענטאָ", „על פועבלאָ" און אַנדערע אַרויסגעשטעלט אין שוץ פונעם באַליידיקטן יורידישן באַוווסטזיין, נישט געקוקט אויף דער בושעוועדיקער רעאַקציע, און גע־רעדט וועגן טאָרקוועמאַדאַס שאָטן, וועלכער באַדראָעט באַנייס די קולטור פונעם לאַנד. אַגב האָבן אייניקע פון אָט־דידאָזיקע בלעטער פון אָנהויב מסכים געווען מיט דער רעגירונגס פאַנאַטישער פאַרפאָלגונגס־כוונה, ביז דער בלוטיקער אמת האָט זיי שפּעטער געמאַכט זען דעם עינין אין אַן אַנדער ליכט.

אויף אַזאַ מעכטיקער פּראָטעסט־כוואַליע, וועלכע זאָל די טרעגער פון דער

קלעריקאַלער מאָנאַרכיע אויסטאָן נאַקעט ביז צום לייב, האָט זיך די שפּאַנישע רעגירונג נישט געריכט. אָבער זי האָט זיך שוין געהאַט פאַרבאָדן צו טיף אינעם זומפּ פון דער בלוטיקער באַרבאַריע און זי האָט שוין נישט געקאָנט אַנולירן די פאַרברעכנס, וועלכע זי איז באַגאַנגען. לכל הדעות האָט די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָטעסט באַוועגונג אויף אַזוי פיל געווירקט, אַז די רעגירונג איז געווען געצווונגען איבערצושיקן דעם בלוטיקן מישפּט פון באַרסעלאָנאַ צום העכסטן געריכט אין מאַדריד, ביכדי אים צו באַשטעטיקן. דערמיט איז פאַר דריי פון די פאַרמישפּטע צום טויט געראַטעוועט געוואָרן דאָס לעבן און פאַר אַנדערע איז די שטראָף פאַרקלענערט געוואָרן. פון די אַכט, וועלכע זיינעןביים ערשטן פּראָצעס פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט, זיינען פינף: טאָמאַס אַסטשערי, כאָסע מאָלאָס, כואַן אַלסינאַ און לואיס מאַס, דעם 4טן מאַי 1897 דערשאָסן געוואָרן אין די אָקאָפּעס פון דער מאָנטכואיטשער פעסטונג. זיי זיינען געשטאָרבן מוטיק, האָבן ביזן לעצטן מאָמענט איבערגעחזרט זייער אומשולדיקייט און אַפילו אין אָנבליק פונעם טויט פאַרשאָלטן זייערע תליונים.

אינצווישן האָט קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָס רעגירונג געלאָזט אָננעמען קעגן די אַנאַרכיסטן איינס פון די שענדלעכסטע אויסנאַמגעזעצן, לויט וועלכן ס'איז פאַר יעדן מין אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדע דורך וואָרט, שריפט אָדער צייכענונג געסטראַשעט געוואָרן מיט 20 יאָר שווערע תפיסה און דער רעגירונג געגעבן דאָס רעכט אַפילו אויפן סמך פון בלויזן חשד צוצונעמען ביי געבוירענע שפּאַניער דאָס בירגעררעכט און זיי צו פאַרטרייבן פון לאַנד. אַזוי ווי דאָסדאָזיקע נידערטרעכטיקע געזעץ האָט געהאַט אַ רעקטראָאַקטיווע קראַפט, איז געווען אַ סכנה, אַז די בערך 300 אַרעסטירטע, וועלכע זיינען נאָך געווען אין מאָנטכואיטש, וועלן אָן אַ פּראָצעס פאַרשיקט ווערן איינעם מאַלאַרישן פלאַכלאַנד ריאָ דע אָראָ, אַזוי, אַז דאָס גיהנומדיקע קלימאַט וועט אין עטלעכע יאָר אַרום מאַכן אַ סוף צו זיי. נאָר דער אַלץ העכערער און שטאַרקערווערנדיקער פּראָטעסטבאַוועגונג אין אויסלאַנד האָט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען, אַז ס'איז נישט דערלאָזט געוואָרן צו אָט־דעם שטילן מאָרד. ווי נאָר מ'איז געוויר געוואָרן וועגן אָט־דער נייער סכנה, וועלכע האָט געלאָקערט אויך אויף יענע, וועלכע זיינעז דורך דער אַנטשיידונג פונעם העכסטן געריכט אין מאַדריד באַפרייט געוואָרן פון יעדער שולד, זיינען תיכף אין אַלע לענדער פאָרגעקומען הונדערטער פּראָטעסטפאַרזאַמלונגען, דורך וועלכע די פאַרברעכנס פון די שפּאַנישע תליונים זיינען אויפסנייאַרויסגעטראָגן געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט.

אין לאָנדאָן האָבן מיר דעם 31טן מאַי אָפּגעהאַלטן א ריזיקן מיטינג אין טראַפאַלגאַר־סקווער, אויף וועלכן ס'האָבן גענומען דאָס וואָרט, חוץ אונדזערע באַקאַנטע חברים, רעדנער פון אַלע ריכטונגען: ליבעראַלן, פאַרטרעטער פון די ענגלישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, מיטגלידער פון דער „אינדעפּענדענט לייבאָר פּאַרטי“, פון דער „פאַביאַן סאָשייטי“ און פיל אַנדערע. אַפילו אייניקע מיטגלידער פונעם ענגלישן פאַרלאַמענט האָבן פיגורירט צווישן די רעדנער. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם איינדרוק פון יענעם מיטינג. אַ כוואַליע פון אויפברויז האָט זיך געטראָגן צווישן די פיל טויזנטער, וועלכע זיינען דאָ געווען פאַרזאַמלט, און דער

גרימצאָרן און פאַראַכטונג קעגן קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ און זיינע טאָרטורנקנעכט האָבן זיך אויסגעדריקט דורך די אָפטע און שטאַרקע צווישנרופן. דער אַלגעמיינער ברויז איז דערגאַנגען צום העכסטן שפּיצפּונקט, ווען אונדזער שפּאַנישער פריינט טאַררידאַ דעל מאַרמאָל האָט געשילדערט מיט פאַרכאַפּנדיקע ווערטער די שרעקלעכע פּרטים פונעם פאַרברעך, וועלכער איז באַגאַנגען געוואָרן איבער אומשולדיקע קרבנות מיצד געוויסנלאָזע בעסטיעס. ס׳איז לסוף ביים מיטינג אָנגענומען געוואָרן אַן איינשטימיקע רעזאָלוציע, וועלכע טאַררידאַ אַליין האָט פאָרמולירט און וועלכע איז איבערגעשיקט געוואָרן צום שפּאַנישן קאָנסולאַט אין לאָנדאָן. אין אָט־דער רעזאָלוציע איז גאָר באַזונדערס באַטאָנט געוואָרן, אַז אויב די שפּאַנישע רעגירונג שעמט זיך שוין נישט אירע אייגענע בירגער צו פאַרטרייבן פון לאַנד צוליב זייער אידעאָלאָגיע, מוז זי אָבער לפּחות באַוויליקן אירע קרבנות דאָס רעכט אַליין צו באַשטימען דאָס אָרט פון זייער צוקונפטיקן אויפהאַלט.

ווען איך פאַרגלייך יענע צייט מיט דער היינטיקער, זע איך נאָך אויף אַזוי פיל טיפער דעם חילוק צווישן זיי. דעמאָלסט איז נאָך מעגלעך געווען, אַז אַ באַשיימפּערלעך פאַרברעכן, נישט קיין חילוק אין וועלכן לאַנד ס׳איז באַגאַנגען געוואָרן, זאָל אויפטרייסלען און רירעוודיק מאַכן ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג אין אַלע לענדער, ביכדי צו לאָזן הערן און זען זייער אויפברויז קעגן פאַרגוואַלטיקטן מענטשנרעכט. היינט אָבער, נאָכדעם ווי גאַנצע פעלקער זיינען דורכן גיהנום פונעם טאָטאַליטאַרן שטאַט געמאַכט געוואָרן אומעמפּינדלעך און נאָכדעם ווי דער מערדערישסטער קריג פון אַלע צייטן האָט אַריינגעשליידערט די וועלט אין אַ תהום פון הונגער, עלנט און חורבן, רעאַגירן די מענטשן קוים נאָך אויף די מאָנסטרועזע פאַרברעכנס, וועלכע ווערן טאָגטעגלעך באַגאַנגען, און וועלכע שפּאָטן־אָפּ פון אַלע מענטשלעכע געפילן. דער מענטש געוווינט זיך דאָך צו צו אַלץ און דאָס הימלשרייענדיקסטע אומרעכט מאַכט שוין נישט קיין איינדרוק, ווען עס ווערט במשך פון יאָרן כסדר באַגאַנגען אומבאַשטראָפט און ווערט אַ נאָרמאַלע דערשיינונג פונעם לעבן.

אייניקע וואָכן נאָך יענער געדענקווירדיקער פאַרזאַמלונג אין טראַפאַלגערסקווער, האָב איך באַקומען אַ בריוו פון כואַן מאָנטסעני, איינעם פון די אַרעסטירטע אין מאָנטכואיטש, אין וועלכן ער לאָזט מיר וויסן, אַז די רעגירונג האָט אים און אייניקע אַנדערע חברים באַוויליקט אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד, און זיי זיינען בעלנים צו קומען קיין ענגלאַנד, אויב די שפּאַנישע רעגירונג וועט באמת מקיים זיין איר צוזאָג. איך האָב געקאָנט מאָנטסעניך בלויז פונעם נאָמען זיינעם און כ׳בין מיט אים קיינמאָל נישט געשטאַנען אין פאַרבינדונג, אַזוי אַז איך האָב זיך בשום אופן נישט געקאָנט דערקלערן, ווי אַזוי ער האָט אין דער פעסטונג באַקומען מיין אַדרעס. ערשט ווען ער איז שפּעטער געקומען קיין לאָנדאָן, האָט זיך דאָס רעטעניש אויפגעקלערט.

ווען ס׳זיינען נאָכן אַטענטאַט אין באַרסעלאָנאָ פאָרגעקומען ריזיקע מאַסנאַרעסטן אין גאַנץ שפּאַניע, האָב איך פאָרגעלייגט די דייטשע חברים פונעם „קלוב אַרבייטער בילדונגס־פאַריין״ דורכצופירן אַן אַלגעמיינע זאַמלונג פאַר די מישפּחות פון די

אַרעסטירטע. מיר האָבן דעמאָלסט טאַקע צונויפגעזאַמלט פּערציק פונט, אַ גאַנץ באַדייטנדיקע סומע, וועלכע האָט נאָך אין שפּאַניע געהאַט אַ טאָפּלטן ווערט ווי אין ענגלאַנד. אַזוי ווי ס׳איז אויף מיר אויסגעפאַלן אָפּצושיקן דאָס געלט און איך האָב אָבער נישט געוווסט, ווער ס׳איז נאָך אין שפּאַניע פריי און ווער נישט, בין איך אַוועק צו מאַלאַטעסטאַן, ביכדי אים צו בעטן, אַז ער אַליין זאָל אָפּשיקן דאָס געלט. מאַלאַטעסטאַ איז געווען שטאַרק דערפרייט פון דער סאָלידאַריטעט פון די דייטשע חברים, אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז איך אַליין זאָל אָפּשיקן דאָס געלט, כדי נאָך מער צו פאַרשטאַרקן דעם גוטן איינדרוק. פאַר דעם צוועק האָט ער מיר געגעבן אַ זיכערן אַדרעס פונעם חבר ערנעסטאָ אַלוואַרעס, וועלכער האָט נאָך דעמאָלסט אַרויסגעגעבן די „אידעאַ ליברע“, וועלכע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן ערשט מיט חדשים שפּעטער, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אַנאַרכיסטישע בלעטער, אויפן סמך פונעם נייעם געזעץ. איך האָב אָפּגעשיקט צו אַלוואַרעסן דאָס געלט צוזאַמען מיט א געהעריקן בריוו און צוויי וואָכן שפּעטער האָב איך פון אים באַקומען אַ האַרציקן בריוו, אין וועלכן ער האָט מיר באַשטעטיקט דעם דערהאַלט פונעם געלט און נישט געקאָנט געפינען גענוג דאַנקווערטער דערפאַר, וואָס מ׳האָט נישט פאַרגעסן אין די שפּאַנישע חברים אין דער צייט פון זייער גרעסטער נויט. מאָנטסעני, וועלכער האָט נאַטירלעך אין דער פעסטונג נישט געהאַט קיין שום אַדרעס צו דער האַנט, האָט זיך שפּעטער געווענדט צו אַלוואַרעסן וועגן אַ לאָנדאָנער אַדרעס, און דער לעצטער האָט אים צוגעשיקט מיינעם. איך האָב דעם בריוו תיכף געוויזן מאַלאַטעסטאַן, וועלכער האָט פון אים פאַרשטאַנען, אַז די שפּאַנישע רעגירונג האָט, אונטערן דרוק פון דער ריזיקער פּראָטעסט־באַוועגונג, אויפגעגעבן איר פּלאַן צו פאַרשיקן די אַרעסטירטע קיין ריאָ דע אָראָ און באַשלאָסן צו באַוויליקן אירע קרבנות אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד.

אין יולי 1897 האָט מען געבערענגט 28 פון די אַרעסטירטע אויפן באָרט פון אַן אַלטער מולטער, די „איסלאַ דע לוסאָן“, ווו זיי זיינען די גאַנצע צייט געהאַלטן געוואָרן אונטערן דעק. נאָך אַ לאַנגער און שווערער נסיעה, בשעת וועלכער א שרעקלעכער שטורעם נישט ווייט פונעם פּאָרטוגעזישן ברעג האָט שיער נישט געמאַכט אַ חורבן פון דער אַלטער שיף, האָבן די שפּאַנישע חברים ענדלעך גליקלעך געלאַנדט אין ליווערפּול. דעמזעלביקן אָוונט האָבן מיר נאָך געהאַט דאָס פאַרגעניגן זיי צו קאָנען באַגריסן אין לאָנדאָן, ווו ס׳איז פאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן אַ האַרציקער אויפנעם. אַזוי ווי מיר האָבן פּונקט אין יענער צייט געהאַט אויפגעגעבן דעם קלוב אין גרעפטאָן האָל און דער נייער קלוב אין טשאַרלאַט סטריט איז נאָך נישט געווען איינגעאָרדנט, האָבן מיר מיט דער צווייטער סעקציע פונעם „ק.א.ב.פ.“ אין טאָטענהעם סטריט געשלאָסן אַן אָפּמאַך, אַז זיי זאָלן אונדז איבערגעבן זייער קלוב פאַרן משך פון די טעג פאַר אַ צונויפטרעף מיט די שפּאַנישע חברים. אין די קומענדיקע וואָכן זיינען מיר אַלע געווען פיבערדיק פאַרנומען. די חברים פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן האָבן אָרגאַניזירט גרויסע פאַרזאַמלונגען אין אַלע טיילן פון לאָנדאָן צו באַגריסן די שפּאַנישע חברים. אויך אַ גאַנצע שורה ענגלישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַני־

זאַציעס און סאָציאַליסטישע פאַריינען פון אַלע ריכטונגען האָבן אָרגאַניזירט מיט זיי אויסגעצייכנטע מאַניפעסטאַציעס און דער קלוב אין טאָטענהעם סטריט איז אין די ערשטע טעג באַזוכט געוואָרן פון רעפּאָרטערס פון אַלע גרויסע צייטונגען אין לאָנדאָן, וועלכע האָבן פון אונדזערע שפּאַנישע חברים געוואָלט געוווּר ווערן גע־נויערע איינצלהייטן וועגן די בלוטיקע געשעענישן אין מאָנטכואיטש.

צווישן די אָנגעקומענע האָבן זיך געפונען חוץ מאָנטסעני און זיין מוטיקע פרוי סאָלעדאַד גוסטאַווא, אויך טערעסאַ קלאַראַמונט, פראַנסיסקאָ גאַנאַ, כ. טעס־טאַר, ס. אָליער, ב. פּאָנס, א. נאַוואַררא, כ. טאָררענטע, פ. מאַנאַבענס, און אַנדערע. איך בין זיך כמעט יעדן טאָג צונויפגעקומען מיטן רוב פון זיי און איך האָב זיך באַלד איבערצייגט, אַז זיי זיינען נישט געווען קיין טרוקענע דאָקטרינאַרן און נאָך ווייניקער בלינדע פאַנאַטיקער, נייערט אויסגעצייכנטע מענטשן מיט אַן ערלעכן צוגאַנג צו זאַכן און א טיפער איבערצייגונג. זיי זיינען, בלי שום ספק, געווען גוטע רעוואָלוציאָנערן און געשווירענע שונאים פונעם בלוטיקן רעזשים אין שפּאַניע, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט פאַרלייקנט די געבאָטן פון מענטשלעכקייט און זיך נישט געלאָזט באַאיינפלוסן פונעם בלינדן נקמה־געפיל, נישט געקוקט דערויף, וואָס איניקע פון זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין שרעקלעכע יסורים. אַפילו פראַנסיסקאָ גאַנאַ, ביי וועמען אַפילו די שוידערלעכסטע פייניקונג האָט נישט געקאָנט פועל זיין, אַז ער זאָל זיך צו עפּעס מודה זיין, איז אין סאמע תוך פון זיין וועזנטלעכקייט געווען אַ גוטער און געפילפולער מענטש, וועמעס אינערלעכער סענטימענט האָט נישט געקאָנט געמינערט ווערן דורך קיין שום פערזענלעכע יסורים. זיי האָבן גערעדט אָן שינאה און האָבן נישט געמאכט קיין גרויס וועזן פון זייערע פערזענלעכע איבערלע־בענישן. זייער גאַנצער אויפפיר האָט באַוויזן, אַז די גראָטעסקע באַשולדיקונגען, וועלכע זייערע תליונים האָבן קעגן זיי געמאַכט, זיינען געווען בכיוון אויסגערעכנט צו מיסטיפיקירן די עפנטלעכע מיינונג און זיי געזאָלט דינען פאַרן צוועק דורכצופירן זייערע דיאַבאָלישע פּלענער. זיי אַלע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם אומגעלומ־פּערטן אַטענטאַט, צוליב וועלכן זיי האָבן געמוזט ליידן אַזעלכע שוידערלעכע יסו־רים, און זיי האָבן דאָס געטאָן מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט און אינערלעכן אויפברויז *).

---

*) אינדעראמתן איז דער מחבר פון יענעם אַבסורדן אַטענטאַט נישט געווען קיין שפּאַניער, נייערט אַ פראַנצויז מיטן נאָמען פראַנסואַ זשיראַל, וועלכער איז באַלד נאָכן וואַרפן די באָמבע אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך. מיט איניקע חדשים שפּעטער, ווען מ'איז אין דער עפנטלעכקייט געוווּיר געוואָרן וועגן די פּחדימדיקע פּאַסירונגען אין מאָנטכואיטש, האָט אים, ווייזט־אויס, אַרומגעכאַפּט אַ חרטה־געפיל. ער איז געקומען קיין פּאַריז און זיך מודה געווען פאַר שאַרל מאַלאַטאָ און טאַררידאַ דעל מאַרמאָל ווי דער דורכפירער פונעם אַטענטאַט און זיי געפרעגט, וואָס ער זאָל טאָן. ביידע האָבן אים אָפן און קלאָר אַרויסגע־זאָגט זייער מיינונג און אים געעצהט זיך פרייוויליק צוצושטעלן צום קריגסגעריכט אין באַרסעלאָנאַ, ווייל אַזוי אַרום וואָלטן אפשר געקאָנט געראַטעוועט ווערן פון זיכערן טויט אַ סך אומשולדיקע מענטשן. אָבער ער האָט דערצו נישט געהאַט קיין מוט. ער איז אַוועק־געפאָרן קיין אַרגענטינע און איז מיט איניקע יאָר שפּעטער געשטאָרבן אין בוענאָס איירעס.

דאָס איז געווען דעם 6טן אויגוסט שפּעט נאָכמיטיק. איך בין פּונקט געווען אין דער היים, באַשעפטיקט מיט מיין טעגלעכער אַרבעט, ווען כאַימע ווידאַל, אַ שפּאַני־שער חבר, וועלכער האָט געוווינט אין זעלבן הויז וואָס איך, איז פּלוצים אַריינגעפאַלן אין מיין צימער מיט אַ צייטונג אין דער האַנט און אויסגעשריגן: „קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ איז דערשאָסן געוואָרן". איך האָב אים האַסטיק אַרויסגעריסן די צייטונג פון דער האַנט און אויף גיך איבערגעלייענט די ידיעה, פון וועלכער ס׳איז געווען אַרויסצוזען נאָר אַזויפיל, אַז דער האַרצלאָזער רעאַקציאָנער, וועלכער האָט אַזוי פיל אומגליק געבראַכט אויף שפּאַניע, איז דערשאָסן געוואָרן פון אַן אַנאַרכיסט אינעם גאָרטן פון אַ פיינעם האָטעל אינעם ים־באָד פון סאַנטאַ אַגעדאַ. דער נאָמען פונעם שיסער און די נענטערע פּרטים פון דער געשעעניש זיינען באַקאַנט געוואָרן ערשט צומאָרגנס. איך האָב תיכף אַוועקגעלייגט מיין אַרבעט און מיר זיינען ביידע אויף גיך אַוועק אינעם נאָענטן קלוב אין טאָטענהעם סטריט, ווו מ׳האָט אין די אָוונט־שעהן תמיד געקאָנט טרעפן אייניקע פון די אַרויסגעשיקטע שפּאַנישע חברים. דער קלוב איז שוין געווען געדיכט באַלאַגערט פון די רעפּאָרטערס פון אַלע לאָנדאָ־נער טאָגצייטונגען, וועלכע האָבן געוואָלט הערן די מיינונג פון אונדזערע חברים וועגן דעם אַטענטאַט. ווען מיר זיינען דאָרט אַריינגעקומען, האָט כואַן מאָנטסעני גראָד גערעדט מיט אייניקע זשורנאַליסטן און פאַר זיי אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן דער געשעעניש אין סאַנטאַ אַגעדאַ. זיי האָבן האַסטיק פאַרצייכנט, אָבער ס׳האָט אויסגע־זען, אַז זיי זיינען אַזוי ווי אַנטוישט, מחמת זיי האָבן זיך וואַרשיינלעך געריכט אויף גרויסע רעוועלאַציעס. מאָנטסעניס ווערטער, אַז קאַנאָוואַס איז אייגנטלעך געפאַלן אַ קרבן פון זיין אייגענעם פאַרברעך, האָט זיי דעריבער נישט געקאָנט באַפרידיקן ווי ס׳געהער צו זיין. אָבער זיי האָבן זיך געמוזט באַגנוגענען דערמיט. מיר זיינען גע־בליבן צוזאַמען מיט די שפּאַנישע חברים ביז האַלבער נאַכט. קיינער האָט נישט פאַרגאָסן קיין טרער נאָכן שפּאַנישן תליון, אויף וועמענס הענט ס׳האָט געקלעפּט דאָס בלוט פון אַזויפיל אומשולדיקע קרבנות. מיר אַלע האָבן געהאַט דאָס געפיל, ווי ס׳וואָלט אונדז אַראָפּ אַ שווערער שטיין פונעם געמיט.

צומאָרגנס האָבן די בלעטער געבראַכט מער פּרטים וועגן קאַנאָוואַס דעל קאַס־טיליאָס טויט. אויך דער נאָמען פונעם אויספירער פון אַטענטאַט איז דערמאָנט גע־וואָרן צום ערשטן מאָל — מיגעל אַנדזשיאָליזשאָ. ווען איך האָב איבערגעלייענט דעם נאָמען, איז מיר אַריבער אַ היץ־כוואַליע איבערן גאַנצן קערפּער. איך האָב אַנדזשיאָלי־זשאָן געקענט פּערזענלעך. ערשט אייניקע וואָכן אין דעם, ווי איך האָב אים געהאַט געזען. צוערשט האָב איך אים געזען אויף אַן אונטערנעמונג פונעם פאַריין „טיפּאָגראַ־פיאַ", אַ צווייג פונעם פאַרבאַנד פון די ענגלישע דרוקעראַרבעטער, צו וועלכן ס׳האָבן באַלאַנגט בלויז אויסלענדער. דאָרט האָט מיך ווידאַל מיט אים באַקענט. זיי האָבן ביידע געאַרבעט אין דער זעלביקער אונטערנעמונג. אַנדזשיאָליזשאָ האָט דעמאָלט געאַרבעט ווי אַ זעצער אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער דרוקעריי, אין וועלכער ס׳איז געדרוקט גע־וואָרן אַ מאָנאַטלעכער פאַך־זשורנאַל פאַר האַנדל און אינדוסטריע אין דער שפּאַנישער און פראַנצויזישער שפּראַך. אַזוי ווי ער פלעגט אָפט באַזוכן ווידאַלן, האָב איך אָפט

געהאַט געלעגנהייטן זיך מיט אים צונויפצוטרעפן אין יענעמס וווינונג. אַנדזשיאַליזשאַ איז געווען אַן אינטעלעקטועל שטאַרק באַגאַבטער מענטש און אַלעס אין אים האָט אָנ־געוויזן, אַז ער האָט מיסמתא באַקומען אַ בעסערע דערציונג, ווען אפילו ער האָט מיט מיר קיינמאָל וועגן דעם נישט גערעדט. ער פלעגט שטענדיק טראָגן ביי זיך אין קעשע־נע אַזאַ אָדער אַן אַנדער ביכל פון די קליינע ביליקע אויסגאַבן פון די קלאַסיקער פון „ביבליאָטעק אוניווערזעל״, וועמענס ראַנדן זיינען געווען באַשריבן מיט סימנים און באַמערקונגען אין גאַר קליינטשיקער שריפט, וועלכע ס׳האָט מיסתמא קיינער חוץ אים נישט געקאָנט לייענען.

אויך דאָס אויסערלעכע אויסזען פונעם שלאַנקן, גוטגעבויטן מאַן, מיטן פיינעם, בלאַסן מיט אַ קורצער באָרד אַרומגענומענעם פנים און פאַרטראַכטע דורך אַ פענס־נע קוקנדיקע אויגן האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געבילדעטן מענטשן מיט גע־זעצטע מאַנירן, וועלכע מ׳האָט לייכט געקאָנט אָננעמען פאַר אַ דאָקטאָר. ס׳איז געווען עפּעס ערנסטס אין זיין גאַנצער וועזנטלעכקייט, וועלכעס האָט נישט ווילנדיקערהייט אַרויסגערופן דרך־ארץ. ער האָט געהאַט אַ קלינגענדיקע שטים, אָבער גערעדט האָט ער שטיל. ער האָט ביכלל נישט גערעדט קיין סך, נייערט מער הנאה געהאַט פון זיין ראָל ווי אַ באַשיידענער צוהערער. אָבער אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, איז געווען גוט איבערגעטראַכט און איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין אַ גוטער שפּראַך. אַלע זיינע באַ־וועגונגען זיינען געווען רואיקע און חנעוודיקע. ווען ער איז געזעסן ביים טיש ביי ווי־דאַלן, וועלכער פלעגט אים נישט זעלטן פאַרבעטן צום מאָלצייט, האָב איך תמיד גע־מוזט באַוווּנדערן די לאַנגע, דינע פינגער פון זיינע גוט־אַפּגעהיטע הענט, וועלכע האָבן אָנגעוויזן מיט אַריסטאָקראַטישקייט. לגבי דער באַלעבאָסטע פונעם הויז האָט ער זיך שטענדיק אויפגעפירט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. ס׳איז ביכלל געווען עפּעס קאַוואַלירמעסיקס אין זיין גאַנצן אויסזען. און הגם ער איז געווען ערנסט, איז ער אָבער אין זיין באַציונג געווען שטאַרק ליבלעך און לייטזעליק, ווען אפילו קיינמאָל נישט צודרינגלעך און לעסטיק. בלויז מיט קינדער האָט ער געקאָנט לאַכן און שפּאַסן און כימעט אַליין ווערן אַ קינד. אינעם הויז, ווו מיר האָבן געוווינט, איז געווען אַ קליינע בעקעריי. אויף די עטלעכע טרעפּ, וועלכע האָבן געפירט צום אַריינ־גאַנג, האָט מען כימעט תמיד געזען זיצן אייניקע קינדער, פאַרנומען מיט זייערע שפּילערייען. מיט אָט־דער קליינער געזעלשאַפט איז אַנדזשיאַליזשאַ געווען שטאַרק נאָענט און ער פלעגט אָפט פאַרברענגען מיט זיי אַפילו ביי אַ האַלבע שעה צייט. ער פלעגט שטענדיק האָבן עפּעס אַ נאַשעריי אין קעשענע פאַר זיינע קליינע פריינט, וועלכע פלעגן אים רופן „פעטער נאַני״. פאַרוואָס אַזוי ווייס איך נישט, מיסתמא האָבן די קינדער אַליין צוגעטראַכט דעם נאָמען. ס׳איז גאָרנישט געווען אין אָט־דעם מענטשן, וועלכעס זאָל געווען קאָנען דינען ווי אַן אָנווייז, אַז ער וועט שפּעטער זיין מסוגל צו באַגיין אַזאַ אַטענטאַט.

ווען איך האָב אים געזען דאָס לעצטע מאָל, זענען מיר געווען אַ קליינע געזעל־שאַפט פון אַכט אָדער ניין מענטשן, וועלכע האָבן זיך אין אַן אָוונט פאַרזאַמלט אין ווידאַלס וווינונג. צווישן זיי זענען אויך געווען צוויי פון די אַרעסטירטע אין מאָנט־

כואיטש, — קאַיעטאַנאָ אַליער און פראַנסיסקאָ גאַנאַ. אויפן פאַרלאַנג פון אַן ענגלישן חבר האָט אונדז גאַנאַ דערציילט עפּעס פון זיינע איבערלעבענישן אין מאָנטכואיטש. גאַנאַ איז געווען אַ מענטש פון דרייסיק יאָר בערך. ער איז נישט געווען קיין אַנאַר־כיסט, נייערט אַ רעפּובליקאַנער פון דער שול פונעם גרויסן שפּאַנישן פעדעראַליסט פּי. אי. מאַרגאַל, אָבער ער איז געשטאַנען נאָענט צו די אַנאַרכיסטן און ער האָט מיטגעאַרבעט מיט זיי אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין באַרסעלאָנאַ, וועלכע איז שטענדיק געווען באַהויכט מיט אַנאַרכיסטישע אידעען. באַלד נאָכן אויפרייס פון דער באָמבע אין באַרסעלאָנאַ איז גאַנאַ אַרעסטירט געוואָרן, און אַזוי ווי ער איז, צוליב זיין אומדערמידלעכער אַקטיוויטעט, געווען באַזונדערס פאַרהאַסט ביי די מוש־לים, האָט מען אים אויסגעשטעלט צו די שווערסטע פּייניקונגען. פּאַקטיש האָט גאַנאַ געמוזט אויסהאַלטן און איבערטראָגן אַלע עינויים קשים, וועגן וועלכע ס'איז שוין פריער געווען די רייד און וועלכע מיר וועלן דאָ דעריבער נישט איבערחזרן נאָכאַמאָל. בלויז צוויי עפּיזאָדן, וועלכע זיינען אויך דעמאָלסט געווען באַוווסט בלויז פאַר אַ קליינער צאָל מענטשן, זאָלן דאָ קורץ דערמאָנט ווערן:

איינמאָל, ווען גאַנאַ איז נאָך אַ שרעקלעכער פּייניקונג געבליבן ליגן אין זיין קעמערל אַ פאַרחלשטער, האָט ער, ווען ער איז ווידער צוריקגעקומען צום באַוווסט־זיין, געפונען אויף דער ערד אַ שוסטער־אָל, וועלכע די פּייניקער האָבן פאַרגעסן. דער אומגליקלעכער האָט מיט אָט־דעם אינסטרומענט געפּרוווט באַגיין זעלבסטמאָרד. אָבער די אָל איז נישט געווען גענוג לאַנג, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך געמאַכט אייניקע וואונדן, איז ער ווידער פאַרחלשט געוואָרן. צו מאָרגנס האָט מען אים אוועקגענומען אין אַן אַנדער קעמערל און אים פעסט צוגעבונדן די הענט און פיס. אין אָט אַזאַ צו־שטאַנד האָט מען אים געלאָזט ליגן אין משך פון פינף טעג. ווען מ'האָט אים לסוף אָפּגעבונדן די שטריק, איז ער אַ לענגערע צייט געווען ווי פאַראַליזירט און ס'זיינען אַריבער טעג, ביז דאָס בלוט האָט ווידער אָנגעהויבן צירקולירן. די מיזעראַבלע פּיי־ניקער האָבן טאַקע ביי גאַנאַן קיינמאָל נישט געקאָנט פועלן, אַז ער זאָל זיך מודה זיין אויף עפּעס, וואָס זיי האָבן פון אים פאַרלאַנגט, אָבער די סימנים פון די שרעקלעכע אַכזריות, וועלכע ער האָט געמוזט דורכמאַכן, זיינען אים פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן. זיין געזונט איז געווען אינגאַנצן געבראָכן און ער איז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געשטאָרבן אין באַרסעלאָנאַ. ווען ער האָט אונדז יענעם אָוונט געוויזן די צעקאַליע־טשעטע גלידער און די שראַמען פון די וואונדן, וועלכע די אַכזריותדיקע פּייניקונג האָט איבערגעלאָזט אויף זיין גאַנצן קערפּער, האָבן מיר ערשט דעמאָלסט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז אינגאַנצן עפּעס אַנדערש צו לייענען וועגן די זאַכן אין די צייטונגען איידער זיי אויסצוהערן פון אייגענעם מויל פון איינעם פון די קרבנות. גאַנאַ האָט זיין געשיכטע דערציילט אָן אויפרעגונג; טאַקע דערפאַר איז דער איינדרוק געווען נאָך פיל שטאַרקער. מיר זיינען אַלע געזעסן ווי פאַרשטיינערט און ס'זיינען פאַרביי מינוטן, ביז מ'האָט געקאָנט געפינען אייניקע ווערטער פון אויפברויז. בלויז אַנדזשיאָליזשאָ האָט נישט געזאָגט קיין איינציק וואָרט. באַלד נאָכדעם איז ער אָבער פּלוצים אויפגעשפּרונגען, האָט זיך תיכף געזעגנט מיט אונדז און פאַרלאָזן דאָס צימער. דאָס איז געווען דאָס

לעצטע מאָל, וואָס איך האָב אים געזען. און איצט באַגעגן איך זיין נאָמען אין דער ציישונג ווי דעם אויספירער פון יענער דראַמאַטישער סצענע אין סאַנטאַ אַגעדאַ, וועלכע האָט פאַר קאַנאָוואַסן געבראַכט דעם טויט.

קיינער פון אונדז וואָלט אַפילו אין חלום נישט געווען געוואָלט גלייבן, וואָס פאַראַ אויסערגעוויינלעכע כוחות ס׳זיינען געווען פאַרבאָרגן אין אָט־דעם שטילן, געזעצטן מענטשן. אָן די שוידערלעכע אכזריותן פון מאָנטכואיטש וואָלט מיסתמא אַנדזשיאָליזשאָ געווען רואיק פאַרענדיקט זיין לעבן ביז צום סוף. די באַליידיקטע מענטשלעכע חשיבות איז עס געווען, וועלכע האָט זיך צעשפּילט אין אים אין אַ ווילדן ברויז און ער האָט פריער נישט געקאָנט געפינען קיין רו, ביז דאָס נאָמענלאָזע פאַרברעך איז באַשטראָפט געוואָרן, אַ פאַרברעך, וועלכעס האָט דעמאָלסט אַנגעפילט די גאַנצע וועלט מיט שוידער. דאָסדאָזיקע געפיל פון אַ טיף־באַליידיקטער מענטשלעכער נשמה האָט זיך אויך אַרויסגעהערט פון די ליידנשאַפטלעכע ווערטער, וועלכע ער האָט געשליי־דערט אין פּנים פון זיינע ריכטער:

„דעמאָלט, מיינע חשובע לייט, האָב איך צו זיך געזאָגט, אַז אַזעלכע שוידערלעכע גע־מיינהייטן טאָרן נישט פאַרבלייבן אומבאַשטראָפט. איך האָב געזוכט די פאַראַנטוואָרטלעכע. איבער די טורמע־שינדער, וועלכע האָבן דורכגעפירט די פייניקונגען; איבער די אָפיצירן, וועלכע האָבן געשפּילט ראָלן פון ריכטער, און איבער אַלע, וועלכע האָבן בלויז אויסגעפירט באַקומענע אינסטרוקציעס, איבער זיי אַלע האָב איך געזען אים, וועלכער האָט זיי אַרויסגעגעבן. איך האָב דערפילט אַן אומאיינשטילבאַרע שינאה קעגן דעמדאָזיקן מלוכה־מאַן, וועלכער האָט געהערשט דורך שוידער און פייניקונג; קעגן דעמדאָזיקן מיניסטער, וועלכער האָט אָפּגע־שיקט טויזנטער און טויזנטער זעלנער אין שעכטהויז אַריין; קעגן אָט־דעם מושל, וועלכער האָט דאָס שפּאַנישע פאָלק, וועלכעס וואָלט געקאָנט זיין אַזוי גליקלעך אין דעמדאָזיקן פרוכ־פּעריקן און רייכן לאַנד, אַריינגעשליידערט אין נויט און עלנט; קעגן דעמדאָזיקן יורש פון קאַלי־גולאַ און נעראָן, טאָרקוועמאַדאָס נאָכקומער און סטאַמבולאָווס און אַבדול האַמידס קאָנקו־רענט; קעגן אָט־דעם מאָנסטער, וואָס איך פיל זיך גליקלעך און שטאָלץ צו האָבן פון אים באַפרייט די ערד. קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ! איז עס אַ שלעכטע טאַט צו הרגענען אַ טיגריס, ווען נעגל צערייסן אויף פיצלעך אַ מענטשלעכע ברוסט, ווען קינבאַקן צעמאַלן מענטשלעכע קעפּ? איז עס אַ פאַרברעך צו פאַרטיליקן דעם וואָרעם מיטן טויטלעכן ביס? קאַנאָוואַס האָט פאַרטיליקט מער קרבנות ווי הונדערט טיגריסן, מער ווי טויזנט שלענג. ער האָט פאַרקערפּערט אין זיך די ווילדקייט פונעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם, די מיליטערישע אכזריות, די קאַלטע אומאיינזעעניש פון דער ביוראָקראַטיע, די באַרבאַריע פון דער ממשלה, די גיריקייט פונעם באַזיצנדיקן קלאַס. איך האָב פון אים באַפרייט שפּאַניע, איירָאָפּע, די וועלט. דעריבער, חשובע הערן, בין איך נישט קיין מערדער, נייערט בלויז דאָס ווערקצייג פון דער באַליידיקטער גערעכטיקייט".

אָט־די דרייסט־געוואַגטע ווערטער האָבן דעמאָלסט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין יעדער ברוסט, אין וועלכער ס׳איז נאָך געווען לעבעדיק אַ פונק פון מענטשלעכער חשיבות. אפילו די בירגערלעכע ציישונגען האָבן אויפגענומען קאַנאָוואַס דעל קאַסטי־ליאָס טויט מיט אַן אייזיקער קעלט. בלויז אייניקע עקסטרעמרעאַקציאָנערע בלעטער האָבן געפּרווט אויסנוצן אַנדזשיאָליזשאָס אַטענטאַט פאַר זייערע צוועקן, אָבער אָן

דערפאַלג. דער אַלגעמיינער איינדרוק פונעם אַטענטאַט איז געווען אזוי מעכטיק, אַז ס׳האָט נישט געקאָנט אויפקומען קיין שום העצע. אפילו אַזאַ גרימצאָרנדיקער קעגנער פונעם אַנאַרכיזם ווי ווילהעלם ליבקנעכט האָט דעמאָלסט געשריבן אין „פאָרווערטס״: „קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ איז דערשאָסן געוואָרן פון אַן אַנאַרכיסט און דאָסמאָל איז, ווייזט אויס, דער אַטענטאַטאָר נישט געווען קיין משוגענער״. מער האָט מען פון אים באמת נישט געקאָנט פאַרלאַנגען.

אַנדזשיאָליזשאָ איז פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט, און איז דעם 19טן אויגוסט 1897 אומגעבראַכט געוואָרן. ער איז געגאַנגען צום טויט מיט אַן אומצעטרייסלבאַרער רואיקייט. ווען ער איז געזעסן אויפן שטול פון דער „גאַררעטע״, האָט ער מיט אַ לויטערער און קלאָרער שטים אַרויסגעזאָגט דאָס איינציקע וואָרט: „זשערמינאַל!״ אין אָט־דעם איינעם וואָרט איז געווען צונויפגענומען אַלעס, וואָס זיין נשמה האָט געפילט אין אָנבליק פונעם טויט.

צוויי וואָכן נאָך זיין טויט האָט דער יונגער רעפּובליקאַנער זשורנאַליסט ראַמאָן סעמפּאַו געשאָסן אויפן תליון נאַרסיסאָ פּאָרטאַס אויף אַ גאַס אין באַרסעלאָנאַ. פּאָרטאַס איז אָבער אַרויס מיטן לעבן. אַ קריגסגעריכט האָט פאַרמישפּט סעמפּאַון צום טויט. אָבער אָט־דער מישפּט האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון אויפברויז, בפרט נאָכדעם ווי דער באַקאַנטער זשורנאַליסט פּעררעראַס האָט אין דער צייטונג „על קאָררעאָ״ געבערענגט דעם באַווייז, אַז לויטן געזעץ מוז סעמפּאַו געשטעלט ווערן צום מישפּט פאַר אַ ציווילגעריכט. די רעגירונג איז דעריבער געווען געצוווּנגען דעם פאַר־מישפּטן צום טויט צו שטעלן פאַר אַ ציווילגעריכט. פאַר אָט־דעם געריכט איז פונדאָסניי אַרויסגעקומען אין דער עפנטלעכקייט די מאָנסטרועזע שווידערלעכקייט פון מאָנט־כואיטש. דער סוף איז געווען, אַז די געשווירענע ריכטער האָבן סעמפּאַון איינשטימיק באַפרייט און טאַקע מיט דער כאַראַקטעריסטישער מאָטיווירונג, אַז ס׳איז נישט קיין שום פאַרברעך צו הרגענען אַ בעסטיע.

דער טויט פון קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ האָט אין שפּאַניע גופא געשאַפן אַ נייע לאַגע. די רעגירונג איז דורך די שווידערלעכע געשעענישן אין מאָנטכואיטש אַזוי שטאַרק דעספּרעסטיזשירט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט, אַז זי האָט נישט געקאָנט וואַגן פונדאָסניי צו צעברויזן דאָס וועלט־געוויסן דורך נייע אכזריותן. אַ ניי־מיניסטע־ריום האָט באַפרייט די לעצטע 250 אַרעסטירטע, וועלכע זיינען נאָך געזעסן אין דער פעסטונג, און די גאַנצע צייט מיט אַ שווער געמיט געוואַרט, וואָס די אומבאַשטימטע צוקונפט וועט זיי ברענגען. באַלד נאָכדעם האָבן זיך אויך אונדזערע שפּאַנישע פריינט אין לאָנדאָן אומגעקערט אַהיים. די באַוועגונג איז נאָך אַ קורצער צייט ווידער געקומען צו זיך פונעם שווערן קלאַפּ, וועלכן זי האָט געהאַט באַקומען, און זי האָט זיך אַנט־וויקלט נאָך שטאַרקער ווי ווען ס׳איז פריער. דער מאָנסטרועזער אויסנאַמגעזעץ קעגן די אַנאַרכיסטן איז אַפילו אָפיציעל נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן, אָבער ס׳האָט עס קיינער נישט גענומען אין אַכט און די רעגירונג האָט נישט געהאַט דעם מוט עס צו לאָזן גילטן. אַנאַרכיסטישע צייטונגען און זשורנאַלן האָבן ווידער אָנגעהויבן אַרויסגיין אין אַלע טיילן פונעם לאַנד און זיי האָבן געהאַט אַזאַ פאַרשפּרייט, אַז בלויז מאָנטסעני האָט

זיך שפּעטער פאַרמאָסטן אונטערצונעמען אַרויסצוגעבן די „טיערדאַ אי ליבערטאַד“ ווי אַ טאָגצייטונג. און טאָמער האָבן די שפּאַנישע תּליונים געגלייבט, צו קענען אומ־ברענגען די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג מיט איין קלאַפּ, האָבן זיי זיך אָבער באַלד גע־קאָנט איבערצייגן, אַז זייערע מוראדיקע פאַרברעכנס האָבן געבראַכט דאָס פאַרקערטע פון דעם, וואָס זיי זיינען אויסן געווען. די שטימע פון דער מענטשלעכקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער ווי די מאַכט פון מיזעראבל׳ע פּייניקער. וועלכע האָבן זי גע־וואָלט דערשטיקן.

# אַ באַקאַנטשאַפט מיט הערמאַן יונג

אַ שטאַרק סטימולירנדיקע באַגעגעניש אין דער צייט פון מיין ערשטן אויפהאַלט אין לאָנדאָן איז געווען די באַקאַנטשאַפט מיט הערמאַן יונג, דעם לאַנגיאָריקן סעקרעטאַר פונעם „ערשטן אינטערנאַציאָנאַל", וועלכער האָט פערזענלעך דורכגעלעבט די געשיכטע פון דער גרויסער אַסאָסיאַציע פון זינט איר גרינדונג אין כאַן מאַרטינס האָל ביז נאָכן קאָנגרעס אין האַג. דער אוממיטלבאַרער מאָטיוו פאַר אָט־דער באַגעגעניש איז געווען אַ ליטעראַרישע אַרבעט, וועלכע ס'האָט מיר געהייסן מאַכן דער „קאָמוניסטישער אַרבייטער־בילדונגס־פאַריין". נאָך מיט יאָרן צוריק האָב איך זיך שוין געהאַט באַשעפטיקט מיטן פראַנצויזישן מאַטעריאַל וועגן דער עלטערער באַוועגונג און געהאַלטן וועגן דעם אַ גאַנצע שורה רעפעראַטן אינעם „ק.אַ.ב.פ." אויף די דייטשע חברים אין לאָנדאָן האָבן מיינע אויספירונגען מיסתמא געמאַכט אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק צוליב דעם, וואָס דער רוב פון זיי האָט לגמרי נישט געוווסט גאָרנישט וועגן די אינערלעכע קאַמפן, אינעם „ערשטן אינטערנאַציאָנאַל". ווען איך האָב געהאַט פאַרענדיקט יענעם ציקל רעפעראַטן, האָט דער פאַריין, אויפן פאָרלייג פון ווילהעלם ווערנער, הערמאַן שטענצלייט און אָטאָ שרייבער, אָנגענומען דעם באַשלוס אַרויסצוגעבן מיינע רעפעראַטן אין אַ קליין ביכעלע.

אַזוי ווי איך האָב נאָך פון פריער געוווסט, אַז הערמאַן יונג לעבט נאָך, האָט עס מיך זייער שטאַרק אינטערעסירט צו וויסן אויך זיין פערזענלעכע מיינונג וועגן די אינערלעכע קאַמפן פון יענע יאָרן, צו וועלכע ער איז געשטאַנען אַזוי נאָענט. איך האָב אים דעריבער געשריבן אַ בריוו, אין וועלכן איך האָב אים געבעטן אַ זעונג, מחמת כ'קאָן געמאָלט זיין, אַז געוויסע פרטים, וועלכע ער קאָן מיר איבערגעבן, זאָלן מיר קאָנען זיין נוצלעך פאַר מיין אַרבעט. ער האָט מיר מיט אייניקע טעג שפעטער געענטפערט און מיך געבעטן, אַז אין אַ באַשטימטן טאָג זאָל איך קומען צו אים צוגאַסט. אַזוי בין איך אין אַ זונטיק אינדערפרי צוזאַמען מיט אָטאָ שרייבער אַוועק צו אים אין זיין וווינונג. יונג איז געווען אַ זייגערמאַכער און ער האָט שוין פון וינט אַ סך יאָרן געהאַט אַ קליין געשעפטל אין שכינות פון גרייס אין ראָוד. דאָס קליינע באַוועגלעכע מענטשעלע, וועמענס ליסעקאָפּ איז געווען אַרומגעצלייגט מיט אַ קראַנץ גראָע האָר, האָט אונדז פריינטלעך באַגריסט. זיין קלוג פנים מיט דער קורצער גרויער באָרד און די לייטזעליק שמייכלענדיקע אויגן האָבן געמאַכט אַ צוטרוילעכן איינדרוק. יונג

איז פון געבוירן געווען אַ שווייצער, פון דער בערנער יוראַ, אָבער ער האָט פון זינט אַ סך יאָרן שוין געוווינט אין ענגלאַנד און ער האָט פונקט אַזוי גוט באַהערשט די דייטשע ווי די פראַנצויזישע און ענגלישע שפּראַך.

נאָכדעם ווי איך האָב אים נאָכאַמאָל איבערגעגעבן וועגן דעם צוועק פון אונדזער וויזיט, האָט ער דערקלערט, אַז ער איז גערנוויליק מיר איבערצוגעבן יעדע אינפאָרמאַציע, וועלכע איך וויל און דאַרף האָבן. האָב איך אים קודם־כל געבעטן, ער זאָל מיר זאָגן זיין מיינונג וועגן די סיבות פון דער שפּאַלטונג פונעם „אינטערנאַציאָנאַל“ און אים געפרעגט, צי דידאָזיקע שפּאַלטונג דאַרף, לויט זיין מיינונג, צוגעשריבן ווערן צו די שטייגנדיקע טעאָרעטישע און טאַקטישע חילוקי־דעות אין דער אַסאָסיאַציע גופא, אָדער זי איז אַרויסגעקומען פון דער פּאָזיציע פונעם לאָנדאָנער גענעראַלראַט. ער האָט מיר תיכף געענטפערט, אַז אַזעלכע חילוקי־דעות זיינען שוין געווען באַלד בעת דער גרינדונג פונעם „אינטערנאַציאָנאַל“, און דאָס איז נישט מעגלעך געווען אַנדערש, ווען מ׳נעמט אין באַטראַכט די ספּעציפישע פּאָליטישע לאַגע פון יעדן לאַנד באַזונדער. דער גרויסער פאַרדינסט פון דער אַסאָסיאַציע איז, לויט זיין מיינונג, באַשטאַנען דווקא אין דעם, וואָס זי האָט, דורך אירע פּרינציפּן, וועלכע זי האָט אָנגעצייכנט אינעם „אינאַוגוראַל־צירקולאַר“, און דורך דעם פעדעראַליסטישן כאַראַקטער פון אירע סטאַטוטן, באַוויליקט יעדער לאַנדפעדעראַציע פולע באַוועגונגס־פרייהייט און בלויז פאַרלאַנגט, אַז אירע מיטגלידער אין אַלע לענדער זאָלן באַטראַכטן ווי זייערע דאָס גרויסע ציל פון דער אַסאָסיאַציע — די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע באַפרייונג פונעם אַרבעטערקלאַס. כל־זמן יעדע ריכטונג האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אויפן אייגענעם שטייגער פאַר אָט־דעם ציל, האָט קיינער נישט געטראַכט וועגן קיין שפּאַלטונג.

דאָס האָט זיך געענדערט ערשט דעמאָלסט, האָט יונג דערקלערט, ווען מ׳האָט אויפן לאָנדאָנער קאָנגרעס (1871) געמאַכט דעם פּרוּוו אַרויפצוצווינגען פון אויבן אויף אַראָפּ די פּאָליטישע מעטאָדן פון אַ באַזונדערער שול אויף אַלע לאַנדפעדעראַציעס. אַפילו די „יוראַ־פעדעראַציע“, וועלכע איז פון מאַרקס, ענגעלס און זייערע אָנהענגער תמיד געמאַכט געוואָרן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער שפּאַלטונג, האָט, לויט יונגס אויסטייטש, קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן אַזעלכער. יונג האָט גאַנץ אָפן־האַרציק צוגעגעבן, אַז ער אַליין איז קיינמאָל נישט געווען איינשטימיק מיט די באַזונדערע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן פון די יוראַער און נאָך היינט איז ער ביי דער מיינונג, אַז די שטרעבונגען פונעם סאָציאַליזם האָבן באַקומען זייער קלאָרסטן אויסדריק אין מאַרקס אידעען. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין מניעה פאַר אים גאַנץ אָפן צו דערקלערן, אַז די אינטערנאַציאָנאַליסטן פון דער יוראַ זיינען געווען פולשטענדיק גערעכט אין זייער פאַרטיידיקונג פון די אַלטע פּרינציפּן פונעם „אינטערנאַציאָנאַל“, בשעת מאַרקס און ענגעלס זיינען געווען בפירוש אומגערעכט, מחמת זיי זיינען אויסן געווען אייגנוויליק צו ענדערן די אַלטע פּרינציפּן, אַזעלכעס, וועלכעס האָט לויט די סטאַטוטן געקאָנט געטאָן ווערן נאָר דורך אַ באַשלוס פון אַ קאָנגרעס. יונג האָט אונדז דערציילט, אַז ער איז אין משך פון אַ סך יאָרן געווען נאָענט פאַרבונדן אין

פֿערזענלעכער פּריינטשאַפט מיט אַלע באַקאַנטע סאָציאַליסטן פון דער יוראַ, און אַז ער ווייסט דעריבער פון אייגענער דערפאַרונג, אַז דאָרט איז קיינמאָל נישט געווען קיין שפּאַלטונגס־כוונה. מיט אַ ספּעציעלער אָנערקענונג האָט זיך יונג אַרויסגעזאָגט וועגן אַדהעמאַר שוויצגיבעל, וועלכער האָט נעבן דזשיימס גיאָם במשך פון אַ סך יאָרן געהאַט דעם גרעסטן מאָראַלישן איינפלוס אויף די אַרבעטער פון דער שווייצאַרישער יוראַ. יונג האָט אים כאַראַקטעריזירט ווי אַ זייער איטעליגענטן און בכבודיקן מענטש, וועלכער איז קיינמאָל נישט געווען קיין בעלן צו העלפן אין אינטריגעס קעגן „אינטערנאַציאָנאַל״.

פאַר דער נייער טאַקטיק פונעם לאָנדאָנער גענעראַלראַט האָט יונג געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך הויפּטזעכלעך פרידריך ענגעלסן, וועלכער איז אין סעפּטעמבער 1871 געוואָרן אַ מיטגליד פונעם גענעראַלראַט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַריבערגעציגן פון מאַנטשעסטער, און ער איז אין אַ קורצער צייט געשטאַנען אין קאָנפליקט מיט אַ סך פון די אַלטע מיטגלידער צוליב זיין תקיפות. יונג, וועלכער איז אין אַלגעמיין נישט געווען קיין בעלן צו רעדן גוט וועגן די דייטשן, האָט געהאַלטן, אַז ענגעלס, נישט געקוקט אויף זיין לאַנגן אויפהאַלט אין אויסלאַנד, איז געבליבן דורך און דורך אַ דייטש און ער איז לגמרי נישט געווען אימשטאַנד צו פאַרשטיין, צו באַנעמען די מינהגים פון אַנדערע פעלקער. מהאי טעמה זיינען פאַר אים די ענגלענדער תמיד געווען פרעמד, הגם ער האָט געוווינט צווישן זיי כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט *).

לויט יונגס שילדערונג וואָלט מען געדאַרפט אָננעמען, אַז איידער ענגעלס האָט זיך באַזעצט אין לאָנדאָן האָט אין גענעראַלראַט תמיד געהערשט די בעסטע האַרמאָניע. מאַרקס האָט זיך תמיד געזאָלט האָבן פריער גרינטלעך דורכגעשמועסט וועגן אַלע וויכטיקע עיניניס מיט זיינע ענגערע פריינט אינעם גענעראַלראַט, און נישט געקוקט אויף זיין גייסטיקער העכערקייט זאָל ער תמיד האָבן געווען גרייט צו מאַכן פּשרות מיט אַנדערע מיינונגען. אַ ממשותדיקע ענדערונג איז געקומען ערשט דעמאָלסט, ווען ענגעלס האָט געהאַט די גרעסטע דעה ביי די זיצונגען פונעם גענעראַלראַט. ביי אים האָט עס געהייסן: „בייגן אָדער ברעכן״, ווי יונג האָט געזאָגט. ער האָט נישט געוווסט פון קיין מיטלוועג, און קלוגע נאָכגיביקייט אין געוויסע עיניניס, וועלכע איז ביי אַזאַ קערפּערשאַפט ווי דער „אינטערנאַציאָנאַל״, וועלכער איז צונויפגעשטעלט פון אַזוי פיל פאַרשידענע ריכטונגען, געווען אַ לעבנסנויטווענדיקייט, האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי אַ פאַרברעכן. די דייטשן, האָט יונג גע־

---

*) דידאָזיקע מיינונג יונגס פאַלט זיך פולשטענדיק צונויף מיטן איינדרוק, וועלכן דער באַקאַנטער סאָציאַליסטישער היסטאָריקער מאַקס בער האָט אַרויסגעזאָגט וועגן ענגעלסן אין זיין בוך: "Fifty Years of International Socialism" (New York, 1935): „ער (ענגעלס) איז געבליבן אַ דייטש ביז צום סוף פון זיין לעבן. ער האָט ענגלאַנד קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען; זיין ענגלישער סטיל איז אַ קאָמערציעלער, אַ גלאַטיקער, אַ פּליסיקער, אָבער אָן יעדער אויסצייכענונג. ער אַנטהאַלט נישט קיין אויסדרוק, וועלכער זאָל אַרויסרופן דעם איינדרוק, אַז ער איז געשעפּט געוואָרן פון די טיפענישן פון דער ריינער ענגלישער שפּראַך״. דידאָזיקע מיינונג איז אויף אַזויפיל באַדייטונגספולער, אויף וויפל אויך בער האָט זיך אַנטוויקלט אינגאַנצן אונטערן איינפלוס פון דער מאַרקסיסטישער דאָקטרין.

מיינט, ביי ווען די קאָזאַרמע־דרעסירונג איז געוואָרן זייער צווייטע נאַטור, האָט דאָס אפשר געקאָנט געפעלן ווערן, אָבער אויף יענע, וואָס האָבן באַלאַנגט צו אַנ־דערע פעלקער, האָט אַזאַ אויפפירונג געמוזט ווירקן פאַרלעצנדיק. „ענגעלס האָט זיך אויפגעפירט אינעם גענעראַלראַט ווי דער ביק אין א פאָרצעלייגעשעפט״, ווי יונג האָט זיך אויסגעדריקט ווערטלעך. דאָס, וואָס מען האָט פונקט אים אַוועקגעשטעלט ווי אַ קאָרעספאָנדענט־סעקרעטאַר פאַר איטאַליע און שפּאַניע, איז געווען אַן אמתע קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט געמוזט דערפירן צו די ערגסטע קאָנסעקווענצן. די גוטע צוזאַמענאַרבעט אינעם גענעראַלראַט איז דערביי פולשטענדיק חרוב געוואָרן, בפרט נאָכדעם ווי מאַרקס איז אַלץ מער אַריינגעפאַלן אונטער ענגעלסעס איינפלוס און זיך אַזוי אַרום אַלץ מער אָפּגעזונדערט פונעם רוב פון זיינע אלטע פריינט.

ווען כ׳האָב יונגן אַוועקגעשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי ער דערקלערט זיך אָט־דעם איינפלוס, היות מאַרקס איז דאָך גייסטיק געשטאַנען פיל העכער ווי ענגעלס און ער איז דאָך ביכלל נישט געווען דער מענטש, וועלכער זאָל זיך לייכט אונטער־וואַרפן אונטער אַן אַנדערנס מיינונג, האָט יונג דערקלערט, אַז דערביי האָבן מאַרקס פריוואַטע עיניינים געשפּילט אַ גרויסן ראָל. אַ סברה, אַז דערמיט האָט ער זיך באַ־צויגן צו די צענדליקער יאָרן פון דער מאַטעריעלער אָפּהענגיקייט מיצד דער פאַ־מיליע מאַרקס פון ענגעלסן, וועלכער איז אים געווען באַקאַנט, אָבער וועגן וועלכער ס׳האָבן דעמאָלט געוווּסט בלויז אַ קליינע צאָל. אָבער ער האָט זיך וועגן דעם נישט אַרויסגעזאָגט באריכות און איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ס׳גייט דאָ וועגן עיניינים, וועגן וועלכע ער איז נישט קיין בעלן זיך פונאַנדערצושפּרייטן.

יונג האָט אונדז דערנאָך דערציילט, אַז די באַשטענדיקע צוזאמענשטויסן אינעם גענעראַלראַט האָבן אים, עקאַריוסן, און דעם רוב ענגלישע מיטגלידער אינעם ראַט איבערצייגט, אַז דער אונטערגאַנג פונעם „אינטערנאַציאָנאַל״ איז אומפאַרמיידלעך, אויב מ׳וועט נישט באַשליסן אַריבערצופירן דעם גענעראַלראַט קיין בעלגיע אָדער אין דער שווייץ, די איינציקע צוויי לענדער, וועלכע האָבן ביי דער דעמאָלטיקער פּאָליטישער לאַגע אין אייראָפּע געקאָנט קומען אין באַטראַכט. אָבער קעגן אַזעלכע פּאַרלייגן האָבן זיך מאַרקס און ענגעלס און זייערע אָנהענגער אַרויסגעשטעלט מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט. וועגן דער ראָל, וועלכע ענגעלס האָט געשפּילט אינעם גענעראַלראַט, איז שוין אַפילו עפּעס געהאַט באַקאַנט געוואָרן, ס׳איז אָבער געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען איך האָב איצט געהאַט די געלעגנהייט עס צו הערן פון א מענטשן, וועלכער האָט דידאָזיקע אַלע פאַלן אַליין מיטגעלעבט. אגב איז יונגס מיינונג געווען אויך אַזוי פיל וויכטיקער, אויף וויפל ער איז שטענדיק געווען און געבליבן א מאַרקסיסט און ער האָט אויף אַלע קאָנגרעסן פונעם אינטערנאַציאָנאַל פאַרטראָטן די טעאָרעטישע פּרינציפּן פון זיין לערער.

לויט יונגס איבערגעבן די פּרטים, זענען ענגעלס און לאַפאַרג אויך געווען די איינציקע שולדיקע אין דעם, וואָס די שפּאַנישע לאַנדפעדעראַציע האָט איבערגעריסן אירע באַציאונגען מיטן גענעראַלראַט. די שפּאַנישע פעדעראַציע איז געווען איינע פון די שטאַרקסטע קערפּערשאַפטן פונעם „אינטערנאַציאָנאַל״ נישט בלויז לויט דער

צאָל פון אירע מיטגלידער, זי איז אויך געווען די איינציקע, וועלכע האָט ביז דעמאָלט איינגעצאָלט אין גענעראַלראַט איר מיטגלידאָפּצאָל מיט דער גרעסטער געוויסנהאַפ־טיקייט. דעריבער האָט די לאָנדאָנער קאָנפערענץ פון יאָר 1871, אויף מאַרקס פאָר־לייג, אויסגעדריקט די שפּאַניער אַ ספּעציעלע אָנערקענונג פאַר דער מוסטערהאַפ־טער דערפילונג פון זייער פליכט. לויט יונגס רייד זיינען די באַציונגען צווישן דער שפּאַנישער לאַנדפעדעראַציע און דעם גענעראַלראַט שטענדיק געווען די בעסטע און זיי זענען קיינמאָל נישט געשטערט געוואָרן דורך קיין שום פּאָרפאַל. דאָס האָט זיך אָבער זייער גיך געענדערט נאָכדעם ווי מ׳האָט איבערגעגעבן ענגעלסן אָנצופירן די באַציונגען מיט שפּאַניע. ענגעלס איז געווויר געוואָרן פון פּאָל לאַפאַרגן, וועל־כער האָט דעמאָלט געשפּילט אין מאַדריד אַ קורצע, אָבער אינדעראמתן שטאַרק אומבכבודיקע ראָל, אַז צווישן די שפּאַנישע אינטערנאַציאָנאַליסטן האָט עקזיסטירט אַ געהיימער פאַרבאַנד, די אַזויגערופענע „אַליאַנסאַ״, וועלכע נעמט אַריין אין זיך די אַקטיווסטע מיטגלידער פון דער שפּאַנישער לאַנדפעדעראַציע, ביכדי צו זיין אויף דער וואַך קעגן דער דעמאָלט געפּלאַנטער אונטערדריקונג פונעם אינטערנאַציאָנאַל מיצד דער שפּאַנישער רעגירונג. די „אַליאַנסאַ״, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1870 דורך די צוויי באַקאַנטע שפּאַנישע אינטערנאַציאָנאַליסטן פאַרגאַ פּעזשיסער און סענטיניאָן ספּעציעל פאַר אָט־דעם צוועק, איז געווען אַ ריין־שפּאַנישער עינין און לגמרי צוגעפּאַסט צו די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן פונעם לאַנד.

ענגעלס, וועלכער האָט אין יענער צייט צוזאַמען מיט מאַרקסן אויסגעאַרבעט אַלע פּאָליטישע פּלענער, ביכדי אויפן קומענדיקן קאָנגרעס אין האַג צו דערלאַנגען דעם גרויסן קלאַפּ באַקונינען און זיינע אָנהענגער, האָט תיכף צונויפגעבונדן די שפּאַנישע „אַליאַנסאַ״ מיט דער דורך באַקונינען און זיינע אָנהענגער געגרינדעטער „אַליאַנסאַ דע לאַ דעמאָקראַטיק סאָסיאַליסט״ נאָך איר צוריקציען זיך פון דער „פרידנס־ און פרייהייטסליגע״ (1868), נישט האָבנדיק אַפילו דעם מינדסטן באַגריף וועגן דעם אמתן צושטאַנד. אַרומגעכאַפּט פון אָט־דעם רעיון האָט ער דעם 24טן יולי 1872 געשריבן, אָן דעם וויסן פונעם גענעראַלראַט, אַ ממש אומגלויבלעכן בריוו צו דער שפּאַנישער לאַנדפעדעראַציע, אין וועלכן ער האָט מיט שאַרפע ווערטער גע־פאָדערט אַ רשימה פון די נעמען פון אַלע מיטגלידער פון דער „אַליאַנסאַ״, און פאַרענדיקט מיט אָט־די ווערטער: „אין פאַל מיר וועלן נישט באַקומען מיט דער קומענדיקער קאָרעספּאָנדענץ קיין קאַטעגאָרישן און צופרידנשטעלנדיקן ענטפער, וועט דער גענעראַלראַט זיין געצווונגען אייך עפנטלעך צו דענונצירן אין שפּאַניע און אין אויסלאַנד, אַז איר האָט פאַרגוואַלדיקט דעם גייסט און דאָס וואָרט פון די אַל־געמיינע סטאַטוטן און דעם „אינטערנאַציאָנאַל״ פאַרראַטן צו אַ געהיימער געזעל־שאַפט, וועלכע איז אים נישט נאָר פרעמד, נאָר איז אַפילו פיינטלעך געשטימט צו אים״.

ס׳איז אָן ספק, אַז ענגעלס האָט דערוואַרט פון אָט־דעם בריוו, וועלכער איז גע־ווען אָנגעשריבן אינעם טאָן פון אַ פּרייסישער קאָמאַנדע, אָן אַנטשיידנדיקן אויס־גאַנג. יענער אומדערהערטער בריוו האָט טאַקע געהאַט אַזאַ דערפאָלג, אָבער נישט

אינעם זין ווי ענגעלס האָט דאָס דערוואַרט. די שפּאַנישע לאַנדפעדעראַציע האָט נישט נאָר געהאַלטן פאַר אונטער איר כבוד צו ענטפערן אויף אָט־דעם בריוו, נייערט זי האָט אויך נאָכן האַגער קאָנגרעס איבערגעריסן אַלע באַציאונגען מיטן אלטן גענעראַלראַט אין לאָנדאָן און זיך איינשטימיק געשטעלט אויפן באָדן פון די רעזאָלוציעס, וועלכע זענען אָנגענומען געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ פון סענט אימיע (1872) מיצד די וויכטיקסטע לאנדפעדעראַציעס פונעם אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע זענען באַלד נאָכדעם אויך אָנגענומען געוואָרן אויפן קאָנגרעס אין קאָרדאָבאַ.

ווען ענגעלס האָט נישט באַקומען קיין ענטפער אויף זיין בריוו, האָט ער פאָרגעליגט פאַרן עקזעקוטיווקאָמיטעט פונעם גענעראַלראַט אָפּצושטעלן דעם שפּאַנישן פעדעראַלראַט. בלויז דורך הערמאַן יונגס ענערגישער קעגנערשאַפט איז אָט־די מאָנסטרועזע פאָדערונג צוגעטראָגן געוואָרן צו דער אַלגעמיינער זיצונג פונעם גענעראַלראַט, ווו זי איז כימעט איינשטימיק אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

וועגן דעם האַגער קאָנגרעס, אויף וועלכן ס'האָט געזאָלט אַנטשיידן ווערן דער גורל פונעם „אינטערנאַציאָנאַל“, האָט יונג נישט געהאַט קיין איין גוט וואָרט. ער האָט זיך וועגן אים אויסגעדריקט, אַז דאָס איז געווען „אַ צוזאַמענפאָר, וועלכער איז פאָרגעקומען אַדאַנק דעם דורכשמוגלען מאַנדאַטן און מיט דער הילף פון די אומאָננעמבאַרסטע מיטלען, אויף וועלכן די אייגנטלעכע מערהייט פונעם „אינטערנאַציאָנאַל“ איז פאַרגוואַלדיקט געוואָרן דורך אַ מינדערהייט אויף אַ שענדלעכן אופן, אַ מינדערהייט, וועלכע האָט זיך אויסגעטויגט דורך אומריינע מעטאָדן איינצושאַפן מאַנדאַטן, הינטער וועלכע עס זיינען אין אַ סך פאַלן נישט געשטאַנען קיין שום אָרגאַניזאַציעס“. ער האָט אונדז טאַקע איבערגעגעבן וועגן דעם אָן אַ שיער פּרטים, וועלכע זיינען שוין היינט, דורך די היסטאָרישע פאָרשאַרבעטן פון די לעצטע פערציק יאָר, אַלעמען באַקאַנט, אָבער פאַר מיר זענען זיי דעמאָלט געווען לגמרי ניי*).

---

*) די פּרטים וועגן דער געשיכטע פון דער „אַליאַנסאַ“ זיינען נאָך אין יאָר 1872 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינעם ביכעלע „קועסטיאָן דע לאַ אַליאַנסאַ“. אָבער אַ סך פון די אינערלעכע פּאַסירונגען זיינען באַקאַנט געוואָרן ערשט דורך נעטלאַוס ווערק „דאָקומענטאָס אינעדיטאָס סאָברע לאַ אינטערנאַסיאָנאַל אי לאַ אַליאַנסאַ ען עספּאַניאַ“ (1930), וועלכעס שטיצט זיך אויף ענגעלסעס בריוו, ווי דער קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאַר פאַר שפּאַניע. דערדאָזיקער מאַטעריאַל, וועלכער איז נאָך ענגעלס טויט איבערגעשיקט געוואָרן אין סאָציאַלדעמאָקראַטישן פּאַרטייאַרכיוו אין בערלין, איז במשך פון צענדליקער יאָרן געלעגן אומבאַנוצט און איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט דורך מאַקס נעטלאַו.

ווער ס'אינטערעסירט זיך מיט די אינערלעכע פּאַסירונגען אינעם אינטערנאַציאָנאַל, דאַרף קודם־כל לייענען דעם פון מאַרקס, ענגעלס און לאַפאַרג אָנגעשריבענעם פּאַסקוויל „ל'אַליאַנס דע לאַ דעמאָקראַטיק סאָסיאַליסט ע ל'אַסאָסיאַסיאָן דע טראַוואַליערס“, וועלכער האָט כימעט אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט געדאַרפט דינען דער מאַרקסיסטישער היסטאָריאָגראַפיע ווי „קוועלן־מאַטעריאַל“, און דערנאָך פאַרגלייכן דערמיט דזשיימס גיאָמס גרויס ווערק „ל'אינטערנאַסיאָנאַלע, — דאָקומענטס ע סווועניר“, דאָס אויספירלעכסטע און דורך אַ כימעט אומויסשעפּלעכער מאַסע היסטאָרישע דאָקומענטן באַגרינדעטע בוך, וועלכעס איז ביז היינט אָנגעשריבן געוואָרן וועגן אינטערנאַציאָנאַל. חוץ דעם קומען נאָך צו מאַקס נעטלאַוס גרויסע „באַקונין־ביאָגראַפיע“, אַנסעלמאָ לאָרענסאָס „על פּראָלעטאַריאַדאָ מיליטאַנטע“ און פריץ ברופּבאַכערס „מאַרקס און באַקונין“, ביכדי דאָ צו דערמאָנען בלויז די וויכטיקסטע ווערק. אויפן סמך פון די מאַטעריאַלן, וואָס זיינען דאָרט אָנגעזאַמלט, זיינען אַפילו אַ גאַנצע שורה מאַרקסיסטישע שרייבער, אַזעלכע ווי עדואַרד בערנשטיין, פראַנץ מערינג, אָטטאָ רילע און אַנדערע, געווען געצוווּנגען זיך אַרויסצוזאָגן צום שאַרפסטן קעגן אָט־דער שריפט פון

אויפן סמך פון אַט־די העסלעכע פּאַסירונגען האָט יונג דעמאָלסט שאַרף אָפּגע־וואָרפן זיין אָנטייל אינעם האַגער קאָנגרעס, הגם ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע פריערדיקע קאָנגרעסן פונעם אינטערנאַציאָנאַל ווי אַ מיטגליד פונעם גענעראַלראַט. לויט יונגס שילדערונג זיינען מאַרקס און ענגעלס נישט געווען גאַנץ זיכער ביי זיך וועגן דעם אויסגאַנג פונעם קאָנגרעס. אַזוי האָט ער אונדז דערציילט, אַז אייניקע טעג פאַרן צוזאַמענפאָר אין האַג האָבן זיי ביידע אים באַזוכט אין זיין וווינונג און אָנגעווענד'ט זייער גאַנצע באַרעדזאַמקייט, כּדי ביי אים צו פּועלן זיך צו באַטייליקן אינעם קאָנגרעס. ביי אַט־דער געלעגנהייט האָט ענגעלס אַ זאָג־געטון: „איר זענט דער איינציקער מענטש, וועלכער קאָן ראַטעווען דעם אינטערנאַציאָנאַל". אויף דעם האָט ער אים געענטפערט, אַז ער וועט פאָרן קיין האַג נאָר בתּנאַי, אויב מאַרקס און ענגעלס וועלן אים צוזאָגן צו פאַרבלייבן אין לאָנדאָן.

נאָטירלעך, אַז איך האָב אויך נישט אויסגעלאָזט די געלעגנהייט צו פרעגן ביי אים זיין פּערזענלעכע מיינונג וועגן באַקונינען און זיין טעטיקייט. ער האָט מיר אויף דעם געענטפערט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געצווייפלט וועגן באַקונינס פּערזענ־לעכן גוטן ווילן און ערלעכקייט. אָבער ער האַלט זיך אויך היינט נאָך ביי דער מיינונג, אַז זיין איינפלוס אין די לאַטייניש־לענדער פונעם „אינטערנאַציאָנאַל" איז נישט געווען קיין גינציקער, מחמת ווי אַ רוס האָט ער אַרויסגעוויזן ווייניק פאַר־שטענדעניש פאַר מערב־אייראָפּעישע פאַרהעלטענישן. יונג זאָגט זיך אַרויס מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנהייט קעגן די נידעריקע מעטאָדן, מיט וועלכע מ'האָט דעמאָלסט באַקעמפט באַקונינען. ער איז אָבער געווען מיט דער מיינונג, אַז פריער אָדער שפּע־טער האָט געמוזט קומען צו אַן איבעררייס צווישן אים און דעם „אינטערנאַציאָנאַל". באַקונינען האָט ער באַגעגנט איינמאָל בלויז און דאָס אויפן קאָנגרעס אין באַזעל אין יאָר 1869, און ער האָט וועגן זיינע אייגנטלעכע אידעען, קענטיק, נישט געהאַט קיין באַגריף, מחמת ער האָט גאַנץ אָפנהאַרציק דערקלערט, אַז מיטן אויסנאַם פון אייניקע אַרטיקלען אין „ל'עגאַליטע", האָט ער גאָרנישט געלייענט פון אים.

איך האָב דעמדאָזיקן מענטשן שפּעטער באַזוכט נאָך אייניקע מאָל און הגם ער איז נישט געווען איינשטימיק מיט מיינע מיינונגען, האָט ער מיך שטענדיק אויפ־גענומען פריינטלעך און מיך תּמיד פאַרבעטן אים ווידער צו באַזוכן. ווען איך האָב אים איינמאָל פאָרגעלייגט צו געבן אין אונדזער פאַריין אַ רעפעראַט וועגן זיינע אי־בערלעבענישן אינעם גענעראַלראַט פונעם אינטערנאַציאָנאַל, האָט ער עס מיט ביידע הענט אָפּגעוואָרפן און זיך אויסגעדריקט:

„באַהיט מיך גאָט! איך האָב זיך אין מיין לעבן גענוג אַרומגעריסן מיט דייטשן. אייערע לאַנדסלייט, מיין ליבער ראָקער, זיינען טאַקע אַ מוזיקאַליש פאָלק, אָבער טאַקט האָבן זיי קיינמאָל נישט אויסגעלערנט; דעריבער זיינען זיי תּמיד געווען שלעכטע מוזיקאַנטן, און דערמיט מיין איך דאָ נישט צוצורירן זיך צו בעטהאָווענען. אויך מיינע לאַנדסלייט, די שוויי־

---

מאַרקס־ענגעלס־לאַפאַרג, אין וועלכער עס ווימלט מיט פאַלשע באַהויפּטונגען און די ערגסטע צעקרימונגען פונעם אמת, און טון גערעכטיקייט צו באַקונינען און זיינע פריינט אַזוי גוט ווי זיי האָבן געקאָנט.

**צער, זיינען פיליסטער, אָבער זיי זיינען** פּאַסיווע **פיליסטער און דאָס מאַכט זיי אומשעדלעך. די דייטשן זיינען** אַקטיווע **פיליסטער און דעריבער זיינען זיי געפערלעך".**

ווען איך האָב אים שמייכלענדיק געפרעגט, ווי אַזוי ער קאָן דידאַזיקע מיינונג וועגן אַ גאַנץ פאָלק מאַכן האַרמאָנירן מיט זיינע אינטערנאַציאָנאַלע פּרינציפּן, האָט ער מיר געענטפערט, אַז איינס מיטן אַנדערן האָט נישט קיין שום שייכות. די דייטשן זיינען, לויט זיין מיינונג, בטבע נישט בעסער אָדער נישט ערגער ווי אַלע אַנדערע פעלקער, אָבער זייער גאַנצע געשיכטע האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט איר חותם. כל־זמן זיי זיינען פּאָליטיש געווען צעטיילט, זיינען זיי הויפיק געווען צו שטאַרק אונטערטעניק לגבי אַנדערע, דעריבער איז זייער היינטיקע ראָל ווי אַ גרויסע נאַציע אויף אַזויפיל חוצפּהדיקער. דער סימן מובהק פונעם פיליסטערטום באַשטייט אין דעם, וואָס עס גייט קיינמאָל נישט אַרויס איבער די גרענעצן פון די טראַדיציאָנעל־איבערגענומענע אידעען. די היינטיקע דייטשן וואָלטן אָבער יאָ אַרויס פון אָט־די גרענעצן, בכדי צו פּרוון אַרויפצווינגען אויף אַלע אַנדערע זייער אייגענעם פיליסטערטום. און אין דעם איז פאַראַן אַ גרויסע סכנה פאַר אייראָפּעס צוקונפט, מחמת איין גוטער באַראַן איז גענוג צו ברענגען און אָנצוטאָן גרויסע צרות.

דער קלוגער זקן האָט געהאַט אַ זייער טראַגישן סוף; ער איז אין סעפּטעמבער פון יאָר 1901 געפאַלן אַ קרבן פון אַ רויבמאָרד. אייניקע וועטעראַנען פון דער צייט פון „ערשטן אינטערנאַציאָנאַל" און אַ קליינער קרייז פון אונדז יונגע האָבן אים אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד.

# אַ באַגעגעניש מיט מאַקס נעטלאַו

דאָס איז געווען אין דער צייט פונעם לאָנדאָנער קאָנגרעס, ווען איך האָב זיך פּערזענלעך באַקאַנט מיט מאַקס נעטלאַו, דעם גרויסן היסטאָריקער פונעם פרייהייט־לעכן סאָציאַליזם. ער איז נאָך דעמאָלסט געווען גאָר ווייניק באַקאַנט, הגם ער האָט זיך זינט יאָרן פאַרנומען מיט די גרויספאַרנעמיקע התחלהדיקע פאָרשאַרבעטן פון זיינע שפּעטערדיקע היסטאָרישע ווערק. בלויז אַ קליינע צאָל עלטערע חברים, אַזעלכע ווי דזשיימס גיאָם, וויקטאָר דאַווו, עליזע רעקליו, ערריקאָ מאַלאַטעסטאַ, פּיאָטר קראָפּאָטקין און אייניקע אַנדערע האָבן געוווּסט וועגן זיינע פאָרשאַרבעטן. אַפילו פאַר די דייטשע חברים איז ער אין יענער צייט געווען כימעט אומבאַקאַנט. זיינע ערשטע ווערטפולע היסטאָרישע אַרבעטן, וועלכע זיינען דערשינען אין מאָסטס „פרייהייט", ביים אָנהייב פון די נייַנציקער יאָרן, זיינען געדרוקט געוואָרן אָן דעם אָנגעבן דעם נאָמען זיינעם. אויך די קליינע צאָל אַרטיקלען, וועלכע ער האָט דע־מאָלסט געשריבן פאַר לאַנדאַוערס „סאָציאַליסט" אין בערלין, זיינען בלויז געווען אונטערגעשריבן מיט די איניציאַלן פון זיין נאָמען; פונקט אַזוי ווי דער רוב פון זיינע דעמאָלטיקע אַרבעטן פאַר „פרידאָם", „לאַ רעוואָלטע" און אַנדערע בלעטער. אַזוי ווי נעטלאַו איז נישט געווען קיין רעדנער און האָט זיך אויך אין אַלגעמיין עפנטלעך נישט באַטייליקט אין דער באַוועגונג, האָט דעריבער דער רוב חברים קוים געוווּסט וועגן זיין עקזיסטענץ.

נעטלאַו פלעגט אין יענער צייט כימעט יעדעס יאָר קומען אויף אייניקע חדשים קיין לאָנדאָן און זיך פאַרנעמען מיט זיינע פאָרשאַרבעטן אין דער רייכער ביבליאָטעק פונעם בריטישן מוזיי. די סיבות פון אָט־דער צוריקגעצויגנקייט זיינער זיינען געווען די ערשטע קאַמפן אין דער עלטערער באַוועגונג, וועלכע ער האָט טיילווייז פערזענלעך דורכגעלעבט. ער איז געווען וויקטאָר דאַווס אַ פערזענלעכער פריינט און ער איז מיט אים געווען פאַרבונדן במשך פון זיין גאַנצן לעבן, און היות פויקערטס אָנ־הענגער האָבן דאַוון צום שטאַרקסטן באַקעמפט, איז שוין במילא געווען אומפאַר־מיידלעך, אַז אויך נעטלאַו זאָל נישט געפינען קיין שטאַרקן חן אין זייערע אויגן, הגם ער האָט קיינמאָל נישט גענומען קיין פערזענלעכן אָנטייל אין יענע אינערלעכע ריי־סערייען. דאָס געדעכעניש פון יענע צייטן האָט ביי אים, קענטיק, איבערגעלאָזט אַזעלכע איינדרוקן, וועלכע האָבן אים אויך שפּעטער נישט פאַרלאָזט ווידער צו

באַנייען די איבערגעריסענע באַציונגען מיט די דייטשע חברים אין לאָנדאָן. נאָך מיט בערנאַרד קעמפּפּמייער און ווילהעלם ווערנער איז ער געשטאַנען אין נענטערע באַציונגען און דורך זיי בין איך אויך שפּעטער מיט אים נענטער באַקאַנט געוואָרן. דערפאַר אָבער זיינען דעמאָלסט געווען שטאַרק נאָענט זיינע באַציונגען צו מאַלאַטעסטאַן און צו זיין קרייז און צו די חברים פון דער „פרידאָם"־גרופּע, די איינציקע גרופּע, צו וועלכער ער האָט באַלאַנגט ווי אַ מיטגליד. מיט אַ געוויסער איינגעהאַלטנקייט האָט ער זיך, אויפן פאַרלייג פון וויקטאָר דאַוו, אָנגעשלאָסן אויף אַ געוויסער צייט צו דער „סאָשעליסט ליג", וועלכע איז געהאַט געגרינדעט געוואָרן פון וויליאַם מאָרריס און אַנדערע. שפּעטער אָבער האָט ער זיך דערנענטערט צום קליינעם קרייז פון דער „פרידאָם"־גרופּע, מיט וועלכער ער האָט זיך געפילט פאַרבונדן ביז צו טאָם קילס טויט.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך נעטלאַוען געזען אין יענעם איטאַליענישן קלוב אין דין־סטריט, אין וועלכן די חברים פלעגן זיך אין דער צייט פון לאָנדאָנער קאָנגרעס צונויפטרעפן. ער איז דעמאָלסט אַלט געווען דרייסיק יאָר בערך. דער הויכגעוואַקסענער קרעפטיק־געבויטער מאַן מיט די בלאָנדע האָר און דעם פיינגעשניצטן אינטעליגענטן פּנים, וועלכעס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ בלאָנדער באָרד און פון וועלכן ס'האָבן רואיק, דורך „צוויקער"־ברילן, אַרויסגעקוקט אין דער וועלט אַריין צווי בלויע אויגן, וואָלט מיסתמא די שפּעטערדיקע פאַרטרעטער פונעם אַזויגערופענעם דריטן רייך געמוזט אָנפילן מיט שטומער קינאה, מחמת אַ ריינערן טיפּ פון דער „נאָרדישער וונדערראַסע" האָט מען זיך קוים געקאָנט פאַרשטעלן.

מאַקס נעטלאַו איז געבוירן געוואָרן דעם 30טן אַפּריל 1865 אין נויוואַלדעג, נעבן ווין. זיין פאָטער האָט אָפּגעשטאַמט פון אַן אַלטער פּרייסישער מישפּחה אין פּאָטסדאַם; ער האָט שפּעטער צוזאַמען מיט זיין פרוי אַריינגעוואַנדערט קיין עסטרייך, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט אויפגעגעבן זיין דייטשע בירגערשאַפט, וואָס צוליב דעם איז אויך זיין זון שטענדיק געבליבן אַ דייטש. דער יונגער נעטלאַו האָט באַקומען אַן אויסגעצייכנטע דערציונג און אין 23־יעריקן עלטער איז ער שוין געווען אימשטאַנד צו געבן עקזאַמען אַלס דאָקטאָר פילאָזאָף מיט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער גראַמאַטיק פון די קעלטישע שפּראַכן. בעת איינעם פון זיינע שפּעטערדיקע באַזוכן אין בערלין האָט ער מיר איינמאָל געוויזן יענע שוין לאַנג פאַרגעסענע שריפט מיט דער שפּאַסיקער באַמערקונג, אַז ער האָט זיך אין משך פון זיין גאַנצן לעבן אָפּגעגעבן מיטן פאָרשן אומפּאָפּולערע עיניינים; לכתחילה זיינען עס געווען קעלטישע שפּראַכן, מיט וועלכע ס'האָבן זיך דעמאָלסט פאַרנומען בלויז ווייניק מענטשן, און שפּעטער באַקונין, וועמענס געוואַלדיקע אַקטיוויטעט האָט שוין אינעם רוב אייראָפּעישע לענדער אָנגעהויבן פאַרגעסן ווערן אָדער איז דורך די מאַרקסיסטישע געשיכטע־שרייבער אַזוי צעקרומט געוואָרן, אַז ס'איז פון אים געוואָרן אַן אמתע קאַריקאַטור, ווען נעטלאַו האָט זיך פאַרנומען מיט אמתער בינען־התמדה צונויפזאַמלען דעם ריזיקן מאַטעריאַל פאַר זיין באַקונין־ביאָגראַפיע.

נאָך ווען מאַקס נעטלאַו איז געווען אַ גאָר יונגיקער סטודענט, איז ער שוין

שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון דער „ראַדיקאַלער" באַוועגונג אין עסטרייך. דעם ערשטן שטויס דערצו האָט אים געגעבן דער באַרימטער מערשטאַלינגער־פּראָצעס אין ווין (1885), דורך וועלכן די רעגירונג האָט גערעכנט צו קאָנען פּאַרטיליקן די ראַדיקאַלע באַוועגונג מיט איין קלאַפּ, אָבער זי האָט דערביי געליטן אַ גרויסע מאָראַ־לישע מפּלה. יאָזעף פּויקערט, דער דעמאָלסטיקער רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט", האָט אין געריכט פאַרטיידיקט די שטרעבונגען פון די „ראַדיקאַלן" מיט גרויס גע־שיקטקייט און מיט זיין מוטיק אַרויסטרעטן האָט ער אַזוי שטאַרק געקלאַפּט אויף די נאַקעטע בלויזן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעזען פון דער רעגירונגס־באַשולדיקונג, אַז דער פּראָצעס האָט צוגעצויגן צו דער באַוועגונג נייע אָנהענגער, און דאָס נישט נאָר פון צווישן דער אַרבעטערשאַפט, נייערט אויך פון די קרייזן פון דער שטודירנדיקער יוגנט, וועלכע איז דעמאָלסט געווען שטאַרק עמפּינדלעך אויפצונעמען ראַדיקאַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע אידעען. דעמאָלסט איז עס געווען, ווען נעטלאַו איז געוואָרן געוואָרן פאַר די אידעען פונעם פרייהייטלעכן סאָציאַליזם, פאַר וועלכן ער האָט שפּעטער געהאַט אַזעלכע אומאָפּשאַצבאַרע פאַרדינסטן.

יאָהאַן מאָסט האָט אין אים געפונען אַן אויסגעצייכנטן מיטאַרבעטער פאַר זיין בלאַט, וועלכעס האָט אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך געקאָנט פאַרשפּרייט ווערן נאָר בסוד. פאַקטיש האָט דער יונגער נעטלאַו שוין אין אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן צוגעשטעלט פאַר דער „פרייהייט" אַ היפּשע צאָל ווערטפולע היסטאָרישע אַרבעטן, וועלכע זיינען געווען די בעסטע עדות פאַר דער התמדה און דעם גרויסן טאַלאַנט פונעם אומבאַקאַנטן מחבר. אויך דער ערשטער פּרוּוו פון באַקונינס לעבנסבאַשרייבונג איז תּחילת דערשינען ווי אַ לאַנגע סעריע אַרטיקלען אין דער „פרייהייט" (1891); דאָס נעמלעכע די אינטערעסאַנטע פאַרשאַרבעט „צור געשיכטע דעס אַנאַרכיזמוס", וועלכע מאָסט האָט באַלד נאָכדעם אַרויסגעגעבן ווי אַ באַזונדער ביכל פון זיין „אינ־טערנאַציאָנאַלע ביבליאָטעק". דידאַזיקע אַרבעט קאָן מיט רעכט באַצייכנט ווערן ווי אַ פריער פאָרויסגייער פון זיין שפּעטערדיקער „געשיכטע דעס אַנאַרכיזמוס". פונ־דעסטוועגן האָט דווקא ער אַליין שפּעטער נישט קיין איין גוט וואָרט פאַר דערדאָזי־קער ערשטער אַרבעט זיינער. ווען איך האָב מיט אים איינמאָל, בערך דריי יאָר שפּע־טער, גערעדט וועגן דעם, האָט ער קריטיקירט אירע „אומוועדטיקע קאָנאַפּקייטן" און אויך קריטיקירט מאָסטן, פאַרוואָס ער האָט ביכלל געדרוקט זיין אַרבעט, „אָנשטאָט זי פּראָסט און פּשוט אַריינוואַרפן אין פאַפּירקויש, ווהין זי האָט באַלאַנגט", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. צום גליק האָט מאָסט אַנדערש געקוקט אויף דעם; אַגב איז ער טאַקע אויך נישט געווען אימשטאַנד ריכטיק אָפּצושאַצן דעם ווערט פון אָט־דער אַרבעט. דורך וועלכער ער האָט, אָן ספק, באַקומען די ערשטע אָנרעגונג פאַר דער ריכטיקער אָפּשאַצונג פון דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון די אַנאַרכיסטישע אידעען און באַוועגונגען, וועלכע ס'האָט אים דעמאָלסט קיינער נישט געקאָנט געבן ווי נאָר נעטלאַו.

אַז יענער ערשטער פּרוּוו האָט נישט געקאָנט באַפרידיקן די הויכע פאָדערונגען, וועלכע נעטלאַו האָט זיך אַליין געשטעלט אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק, איז דאָך

זעלבסטפאַרשטענדלעך. דאָס ענדערט אָבער פונדעסטוועגן גאָרנישט אינעם פאַקט, אַז יענע אַרבעט איז פאַר נישט איין יונגן חבר געוואָרן דער וועגווייזער, וועלכער האָט זיי ערשט ריכטיק פעיק געמאַכט זיך צו נעמען צום שטודיום פון דער היסטאָרישער אויסוויקלונג פון דער פרייהייטלעכער באַוועגונג. וועגן זיך אַליין קאָן איך דאָס זאָגן מיט דער גאַנצער זיכערקייט. איך האָב מיט אַן אמתן וויסנסהונגער פאַרשלונגען אַלע געשיכטלעכע פאַרשאַרבעטן, וועלכע נעטלאַו האָט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט אין דער „פרייהייט", און איך מוז אָפן מודה זיין, אַז דורך אים האָב איך באַקומען דעם ערשטן שטויס, דורך וועלכן מיין שפּעטערדיקע ליטעראַרישע טעטיקייט איז צום שטאַרקסטן באַאיינפלוסט געוואָרן. ווען איך האָב אים אין 1896 צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין לאָנדאָן, האָב איך נאַטירלעך נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג, אַז איך רעד צו דעם מענטשן, וועלכן איך האָב געהאַט אַזוי פיל צו פאַרדאַנקען. אַזוי ווי ער האָט געוווינט אין ווין, וואָלט פאַר אים זיין מיטאַרבעטערשאַפט אין דער „פרייהייט" דעמאָלסט גע־קאָנט ווערן זייער אומבאַקוועם, הגם מ'וואָלט זיינע אַרטיקלען, אויפן סמך פון זייער שטרענג־היסטאָרישן כאַראַקטער, מיסתמא אין קיין שום לאַנד נישט געווען באַ־לעסטיקט. אָבער דער בלויזער נאָמען יאָהאַן מאָסט האָט געווירקט אויף די מושלים אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך ווי אַ רויט געוואַנט אויף אַן אָקס, אַזוי אַז ס'האָט זיך נעטלאַוען מיסתמא אויסגעוויזן ראַטזאַמער צו פאַרשווייגן זיין נאָמען. אַ סך יאָרן זיינען אַריבער, ביז איך אַליין בין געוווּיר געוואָרן, ווער ס'איז געווען דער שרייבער פון יענע געלערנטע מאמרים אין דער „פרייהייט".

ווען איך האָב זיך באַקענט מיט נעטלאַוען, איז ער שוין פון זינט אַ סך יאָרן געווען פאַרנומען מיט די צוגרייטאַרבעטן פאַר זיין מאָנומענטאַלער באַקונין־ביאָ־גראַפיע, דעם גרויסן ווערק פון זיין לעבן, וועלכעס ער האָט קיינמאָל נישט באַטראַכט ווי פולשטענדיק פאַרענדיקט. ס'איז נישט גרויס די צאָל פון יענע, וועלכע קאָנען זיך אַפילו פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ קאָלאָסאַלער היסטאָרישער מאַטעריאַל ס'איז דאָ צו־נויפגעזאַמלט און באַאַרבעט געוואָרן. דאָ איז אַ מענטש צוגעגאַנגען מיט אינערלעכער ליבשאַפט צו זיין אויפגאַבע און ער האָט מיט אומדערמידלעכן אייפער צונויפגע־זאַמלט אַלע פאַקטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ שייכות צו באַקונינס אַקטיוויטעט און צו דער געשטאַלטיקונג פון זיין צייט. ס'איז מיסתמא נישט געווען קיין איין באַקאַנטע פּערזאָן פון באַקונינס ברייטפאַרצווייגטן קרייז, וועמען נעטלאַו זאָל נישט געווען האָבן אויפגעזוכט און געווענדט צו אים שריפטלעך, כדי עפּעס געוווּיר צו ווערן וועגן זיין ביאָגראַפירטן. פאַר דעם צוועק האָט ער געמאַכט רייזעס, האָט ער געזאַמלט אַלטע בריוו און א שלל קיינמאָל נישט פאַרעפנטלעכטע דאָקומענטן און מאַנוסקריפּטן און ערשט אַזוי אַרום געשאַפן די אייגנטלעכע פאָרויסיקע קאָנדיציעס, פון וועלכע ס'האָט געקאָנט אַרויסקומען די באַשרייבונג פון יענעם ריזיק גרויסן לעבן. דאָ זיינען צום ערשטן מאָל געעפנט געוואָרן אַן אַ שיער קוואַלן, וועלכע זיינען פאַרן פאַרשער פון אומאָפּשאַצבאַרן באַטייט. פאַקטיש שטיצט זיך אַלעס, וואָס איז פון זינט דעמאָלסט געשריבן געוואָרן וועגן באַקונינען, זיין קרייז און דער געשיכטע פון ערשטן אינטער־נאַציאָנאַל, אויפן מאַטעריאַל, וועלכער איז ערשט דורך נעטלאַוס פאַרשאַרבעט אַרויס־

גערעטעוועט געוואָרן פון פאַרגעסנקייט און אַזוי אַרום מיסתמא אויך פאַרהיט געוואָרן פון פולשטענדיקער פאַרלענדונג.

ס'איז געווען אַ טראַגישער גורל, אַז דער מענטש, פון וועמענס אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַלן עס האָבן געשעפּט אַזוי פיל אַנדערע מענטשן, האָט נישט זוכה געווען די פריידצו זען זיין ווערק ווען עס איז אָפּגעדרוקט. בלויז פופציק עקזעמפּליאַרן זיינען צווישן די יאָרן 1896־1900 דורך נעטלאַוען גופא פּאָליגראַפיש צוגעגרייט געוואָרן און זיי זיינען אויף דעם אופן אָנגעקומען אין די הענט פון אַ קליינער צאָל אינטימע פריינט און אין די גרויסע ביבליאָטעקן פון לאָנדאָן, פּאַריז, בערלין, ווין, מאַדריד א.א.וו. דאָס ווערק, וועלכעס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין דער דייטשער שפּראַך און האָט דעם טיטל „מיכאַעל באַקונין, — אַ ביאָגראַפיע", נעמט־אַרום דריי פּאָליאָבענד פון 1281 זייטן. ווי אַ הוספה צו אָט־דעם ווערק האָט נעטלאַו אין די יאָרן 1903־5 אָנגעשריבן נאָך פיר ווייטערדיקע בענד, וועלכע נעמען־אַריין אַלעס, וועלכעס די באַקונין־פאָרשונג האָט ביז דעמאָלט אַרויסגעבראַכט און איז נישט געווען באַשטימט פאַרן דרוק.

אויפן פאָרלייג פון עליזע רעקליו האָט נעטלאַו צונויפגעשטעלט זיין ווערטפולע „ביבליאָגראַפי דע ל'אַנאַרשי", וועלכע איז אַרויס אין בריסל אין יאָר 1897, אַ ווערק פון בערך 300 גרויסע זייטן, וועלכעס איז אַ רשימה פון אַלע ביז דעמאָלסט פאַרעפנטלעכטע דרוק־זאַכן, — ביכער, בראָשורן, צייטונגען א.א.וו. — אויסגעסדרט סיסטעמאַטיש, לויט שפּראַכן און לענדער. חוץ נעטלאַוען איז אין דער באַוועגונג נישט געווען נאָך אַ מענטש, וועלכער זאָל זיך געווען קאָנען אונטערנעמען צו מאַכן דידאָזיקע ריזיקע אַרבעט. נאָר ער אַליין איז געווען ראָוי צו מאַכן אַזאַ אַרבעט, אַדאַנק זיינע אַרומנעמענדיקע שפּראַכקענטענישן און זיינע ווייט־ און ברייט־פאַרצווייגטע היסטאָרישע פאָרשונגען. אויך די „ביבליאָגראַפיע" האָט געהאַט אַ פאַרגייער, פּונקט ווי די גרויסע באַקונין־ביאָגראַפיע און זיין „געשיכטע דעס אנארכיזמוס". פינף אָדער זעקס יאָר פאַרן דערשיינען פונעם בוך האָט שוין נעטלאַו געהאַט צוגעשטעלט פאַר מאַלאַטעסטאַן אַ היפּש־גרויסע רשימה פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור, וועלכע איז אָבער, צום באַדויערן, בעת א שריפה אין מאלאטעסטאס ווױנונג, געפאַלן אַ קרבן פון די פלאַמען. עליזע רעקליו, וועלכער האָט צו נעטלאַוס בוך אָנגעשריבן אַ הקדמה, האָט זיך דאָרט מודה געווען, אַז ער אַליין האָט ביז דעמאָלט נישט געוווסט „ווי רייך מיר זיינען" און אַז דער „גרויסער שלל פונעם פאַרצייכנטן מאַטעריאַל האָט אים איבעראַשט, הגם דער מחבר האָט לגמרי נישט קיין פּרעטענזיע אויף פולשטענדיקייט". די „ביבליאָגראַפי דע ל'אַנאַרשי" איז געווען די ערשטע גרויסע אַרבעט, וועלכע נעטלאַו האָט אונטערגעשריבן מיט זיין נאָמען און דורך וועלכער ער איז ערשט באַקאַנט געוואָרן אין א ברייטערן קרייז.

וועגן דער קאָלאָסאַלער ליטעראַרישער אַרבעט, וועלכע ער האָט געשאַפן אין די שפּעטערדיקע יאָרן, וועט נאָך גערעדט ווערן אויף אַן אַנדערן פּלאַץ. ס'איז שווער צו באַגרייפן, ווי אַזוי איין מענטש אַליין האָט געקאָנט אַרומנעמען אַזאַ ריזיקע אַרבעט אין משך פון אַ מענטשלעכן לעבן. חוץ פּרודאָנען איז נישט פאַראַן אין דער פריי־

הייטלעכער באַוועגונג נאָך איין שריפטשטעלער, וועלכער זאָל האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך אַזאַ פאַרנעמיקע און מאָנומענטאַלע אַרבעט. מ׳דאַרף דאָ, אגב, קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, נייערט וועגן ווערטפולע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, וועמעס צונויפשטעל האָט פאַרלאַנגט אַן אומגעהייערן פאַרוועגנד פון התמדה, מי, צייט און גרענעצלאָזע געדולד. נאָר אַ מענטש, וועלכער האָט דאָס גאַנצע לעבן זיינס געווידמעט פאַר אַ גרויסן אידעאַל, האָט גע־קאָנט שאַפן אַזאַ גרויספאַרנעמיק ווערק. נעטלאַו איז געווען אַ היסטאָריקער מיט אַן אומפאַרקויפלעכער ערלעכקייט, וועלכער האָט זיך שטענדיק מכוון געווען אָפּצושיידן דעם נאַקעטן היסטאָרישן אמת פון אָנגעוואַקסענע לעגענדעס. ער איז געווען אַ בפירושער קעגנער פון יעדן מין באַנעם פון געשיכטע, נישט קיין חילוק וואָס פאַראַ, וועלכן ער האָט בלויז באַטראַכט ווי אַ פּרווו דורך דער הילף פון דער אמונה צו פאַרפעסטיקן פון פריער אָנגענומענע מיינונגען וועגן אַן איבערגעוואָלט פאָרקומענ־דיקער אַנטוויקלונג פון היסטאָרישע פּראָצעסן; ער האָט געהאַלטן, אַז די אויפגאַבע פון היסטאָרישער פאָרשאַרבעט דאַרף באַשטיין נאָר אין באַשרייבן אַזוי קלאָר ווי מעגלעך באַשטימטע היסטאָרישע פאַקטן אויפן סמך פונעם פאַראַנענעם מאַטעריאַל, כּדי צו דערגיין צו אַ באמתן פאַרשטענדעניש פון די פאָרגעקומענע געשעענישן. אַזוי האָט ער מיר איינמאָל געשריבן:

„באַנעם פון געשיכטע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי דער אויסדרוק פונעם פאַרלאַנג, אַ מין מאָדערנע מיטאָלאָגיע. מ׳זעט די זאַכן אַזוי ווי מ׳וואָלט זיי גערן געוואָלט זען, — וואָס דאָס הייסט, אגב, נישט, אַז דאָס ווערט געטאָן בכיוון — און אויף דעם סמך אינטער־פּרעטירט מען האָפערדיק, און דאָס איז תמיד געפערלעך, ביפרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן לאַנג־פאַרגאַנגענע תקופות, וועגן וועלכע ס׳זיינען פאַראַן בלויז קנאַפּע און צומאָלס אפילו קיין שום היסטאָרישע יסודות פאַרן פאָרשער. דאָס אינטערפּרעטירן דערפירט אָפט צו אויספירן, וועלכע קומען־אַרויס פונעם דענק־אופן פון אַ שפּעטערדיקער צייט אָדער פון אַ באַשטימטער ריכטונג און טאַקע דערפאַר וואָלטן זיי נישט געדאַרפט אָנגעווענדט ווערן ביי דער אָפּשאַצונג פון לאַנג שוין פאַרגאַנגענע תקופות. דער בעסטער באַווייז פאַר דעם געזאָגטן איז קאַוטסקיס „אורשפּרונג פונעם קריסטנטום״, וועלכער דערנענטערט אונדז מיט זיין ווירטואָזער זעלבסטזיכערקייט אַזוי נאָענט צו די מענטשן פון יענער צייט, גלייך ווי מיר וואָלטן נעכטן געווען געזעסן מיט זיי ביי איין טיש אָדער געשלאָפן אין זעלביקן בעט. אפילו דאָרט, וווּ ס׳איז פאַראַן אין היסטאָריקערס רשות אַ רייכער היסטאָרישער מאַטעריאַל, ווערן די אמתע פאַקטן סיי־ווי אַזוי פאַרשידנדיק אויסגעטייטשט פון די מענטשן פון דער באַ־טרעפנדיקער צייט, אַז מ׳קאָן באַקומען אַ מער אָדער וויניקער קלאָר בילד נאָר דורך דער באַאַרבעטונג פון די קלענסטע פּרטים. אויך דעמאָלט וועט נישט זיין מעגלעך זיך אויס־צוהיטן פון טעותן, וועלכע קאָנען ביסלעכווייז אויפגעקלערט ווערן נאָר דורך נייע פאָרשונגען״.

דערדאָזיקער באַנעם דערקלערט אונדז, פאַרוואָס אַפילו די קלענסטע פּרטים האָבן פאַר נעטלאַוען געהאַט אַזאַ באַטייט; האָבן זיי דאָך אים גאַנץ אָפט געגעבן אַ געלעגנהייט אויפצוקלערן אינערלעכע שייכותן, וועלכע זיינען פריער געווען גענצלעך פאַרפלאָנטערט. דאָסדאָזיקע אינטימע פאַרטיפן זיך אין די קלענסטע געשעענישן איז אויך, בלי שום ספק, די סיבה, פאַרוואָס נעטלאַוס שריפטן האָבן ביז איצט געפונען

אַזאַ קליינעם לייענער־קרייז. זיי זיינען לכל הדעות נישט קיין גייסטיקע שפּייז פֿאַרן דורכשניטלעכן לייענער, און מ׳מוז דאָך האָבן אַ געוויסע נייגונג צו היסטאָרישע פֿאָרשונגען, בּיכדי זיך צו קאָנען דורכשלאָגן דורך אָט־דעם שלל היסטאָרישע פֿאַקטן. ערשט נאָכדעם ווען מען זיך פֿילן באַלוינט עד לרוב און זיין זיכער וועגן טויזנטער עיניניִם, און טאַקע בעיקר זיי האָבן באַקומען פֿון ערשטן קוואַל. נעטלאָוס ווערק עפֿענען פֿאַר אונדז אַ כּימעט אומגלויבלעכע צאָל קוואַלן, צו וועלכע דער רוב פֿון זיינע לייענער וואָלט אָן אים מיסתמא נישט געקאָנט צוקומען. און טאַקע אין דעם באַשטייט זיין אומשטערבלעכער פֿאַרדינסט, אַ פֿאַרדינסט, וועלכער וועט אויך צו־נוצקומען אַלע שפּעטערדיקע פֿאָרשער.

נעטלאו האָט זינט אַ סך יאָרן, כּימעט ביז זיין טויט, געפֿירט אַ ווייט־פֿאַרצווייגטן בריוועטויש מיט פֿריינט און חברים פֿון אַלע לענדער, וועלכער וועט פֿאַר דער גע־שיכטע פֿון דער סאָציאַלער באַוועגונג פֿון יענע פֿופֿציק־זעכציק יאָר מיסתמא זיין אַן אוצר, אויב ער וועט געזאַמלט ווערן און קענען באַנוצט ווערן פֿאַר דער היסטאָ־רישער פֿאָרשונג. זיינע בריוו זיינען תמיד געווען אָנרעגנדיק און האָבן אָפּט אַנט־האַלטן אַ פֿיינעם הומאָר, וועלכן מ׳געפֿינט נישט אין זיינע שריפֿטן. הונדערטער מענטשן האָבן זיך געווענדעט צו אים, בּיכדי צו באַקומען אינפֿאָרמאַציע וועגן מענטשן און זאַכן, וועלכע ס׳האָט מיסתמא קיין שום אַנדערער מענטש נישט געקאָנט געבן. ער איז תמיד געווען גרייט צו העלפֿן און ער האָט נישט געקאַרגט, ווען ער האָט עמיצן אַנדערש געדאַרפֿט איבערגעבן זיינע קענטענישן. ווער ווייסט, וויפֿל אַרבעטן, וועלכע זיינען אין דער צייט פֿון זיין לעבן געשריבן געוואָרן פֿון אַנדערע, האָבן זיך געשטיצט אויפֿן רייכן מאַטעריאַל פֿון זיינע שריפֿטן אָדער איז זיי גערנוויליק צוגע־שטעלט געוואָרן דורך בריוולעכע ידיעות, וועלכע האָבן נישט זעלטן געהאַט דעם פֿאַרנעם פֿון גאַנצע אָפּהאַנדלונגען.

פֿונדעסטוועגן האָט נעטלאַו, נישט געקוקט אויף זיין אומאויסשעפּלעכער ליטע־ראַרישער פּרודוקטיוויטעט, קיינמאָל נישט געקאָנט געניג פֿאַרדינען ווי אַ שריפֿט־שטעלער, בּיכדי צו האָבן אויף חיונה. ביז צום אויסברוך פֿונעם ערשטן וועלט־קריג איז ער געווען אימשטאַנד צו קאָנען פֿירן אַ פֿולשטענדיק אומאָפּהענגיקע עקזיסטענץ, בּיכדי זיך אינגאַנצן אָפּצוגעבן מיט די פֿאָרשאַרבעטן. ער האָט נאָך זיין פֿאָטערס טויט געירשנט אַ קליין פֿאַרמעגן, וועלכעס האָט אים דערמעגלעכט צו פֿירן אַ באַ־שיידענעם לעבנסשטייגער און זיך רואיק צו ווידמען צו זיינע נייגונגען. געוויינלעך האָט ער פֿאַרבּרענגט עטלעכע חדשים פֿון יאָר אין לאָנדאָן, עטלעכע חדשים אין פּאַריז, גענף, ציריך אָדער בערלין און דעם רעשט צייט אין ווין. ער פֿלעגט דאָרט געוויינלעך זיין פֿאַרנומען אין די גרויסע ביבליאָטעקן מיט זיין פֿאָרשאַרבעט, אויב ער האָט נישט געדאַרפֿט מאַכן אַנדערע רייזעס, וועלכע האָבן געהאַט דעמזעלביקן צוועק. אָבער אָט־דאָס אומגעצוווּנגענע און פֿרייע לעבן האָט זיך מיט איין קלאַפּ געענדערט, ווען די וועלט־מילחמה איז דערגאַנגען צו איר סוף. דורך דער אנטווער־טונג פֿונעם געלט, באַרויבט פֿון זיין קליינעם פֿאַרמעג, האָט ער געוווינט אין אַ קליינעם צימער, אין וועלכן ס׳איז נישט געווען אַפֿילו די קלענסטע באַקוועמלעכקייט,

געלעבט אין באמת דחקותדיקע פאַרהעלטענישן און הויפיק טאַקע אין ביטערער נויט. אָבער זיין אומדערשעפּלעכער אַרבעטס־חשק האָט אים אויך דעמאָלסט נישט פאַרלאָזט און דער רוב פון זיינע גרעסערע ווערק זיינען דווקא געשאַפן געוואָרן אין יענע יאָרן פון דחקות.

ווען איך האָב זיך באַקענט מיט נעטלאַוען אין לאָנדאָן, האָב איך בלויז פון צייט צו צייט געהאַט אַ געלעגנהייט זיך מיט אים צונויפצוטרעפן, מחמת אונדזער צייט איז תמיד געווען געבוי אויסגערעכנט, און דאָס האָט דאָך צוליב זיינע קורצע באַזוכן אין ענגלאַנד נישט געקאָנט זיין אַנדערש. פונדעסטוועגן האָט ער באַלד באַקומען צו מיר אַ געוויסע סימפּאַטיע, ווען ער האָט באַמערקט, אַז איך האָב אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן אינטערעס צו זיינע אַרבעטן. איך האָב פאַר אים במשך פון אַ סך יאָרן צונויפגעזאַמלט אַלע בלעטער, צייטשריפטן און אַנדערע אויסגאַבן פון דער אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך, וועלכע פלעגט אַרויסגיין אין ענגלאַנד און אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט אין יענער צייט געהאַלטן אַ פּערמאַנענטע דירה אין 36 פאָרטונע גאַטע טעראַסע אין לאָנדאָנער צפון־מערב, ווו ער האָט אָנגעלייגט דעם גרעסטן טייל פון זיין קאָלאָסאַלער זאַמלונג פון צייטשריפטן, ביכער און אַנדערע געדרוקטע זאַכן. איך האָב דאָרט געהאַט די ערשטע געלעגנהייט צו זען, ווען אַפילו בלויז זייער אויבערפלעכלעך, דידאַזיקע איינציקאַרטיקע און שטאַרק ווערטפולע זאַמלונג. איך פלעג אים אויך אָפט זען בעת זיינע באַזוכן אין בערנאַרד קאַמפּמייערס פּריינטלעכן הייזל אין אַקטאָן, וווהין עס פלעגן געוויינלעך אויך קומען ווילהעלם ווערנער און אייניקע אַנדערע פריינט. ערשט נאָכדעם ווי דער גורל האָט מיך נאָכן ערשטן וועלט־קריג פונדאַסניי געפירט קיין דייטשלאַנד, זיינען מיר געוואָרן זייער נאָענט צווישן זיך און זינט דעמאָלסט אָנגעהאַלטן אַן אומאיבערגעריסענע קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע איז איבערגעריסן געוואָרן ערשט דורך דער דייטשער אינוואַזיע אין האָלאַנד אין דער צייט פון צווייטן וועלטקריג. צום באַדויערן איז דער רוב פון מיינע בריוו צו אים שפּעטער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די ברוינע באַרבאַרן און מיסתמא צעשטערט געוואָרן, ווי אַ סך אַנדערע זאַכן. אין אָט־דעם בריוועטויש זיינען אַרומגערעדט געוואָרן אַ סך נייע פּערספּעקטיוון פאַר דער באַוועגונג און היות מיר האָבן נישט תמיד געהאַט דיזעלביקע מיינונג, האָבן מיר אויך געהאַט אייניקע אָנרעגנדיקע דיסקוסיעס, וועלכע מאַכן פאַר מיר דעריבער נאָך טאָפּלט עמפּינדלעכער דעם אַוועקקום פון אָט־דער גרויסער צאָל בריוו.

בשעת די אַכט יאָר פאַר היטלערס איבערנעמען די מאַכט פלעגט נעטלאַו כימעט יעדן זומער קומען אויף עטלעכע חדשים קיין בערלין, און די טעג, וועלכע מיר האָבן געקאָנט פאַרברענגען צוזאַמען, זיינען פאַר מיר געווען אמתע יום־טוב־טעג. מחמת נעטלאַו איז אין זיין באַציונג מיט נאָענטע פריינט געווען אַ באמת ליבלעכער באַגלייטער, אַ קאַוואַלירמעסיקער, אַביסל ראָמאַנטיש־געשטימטער כאַראַקטער און אַ פּרעכטיקע פּערזענלעכקייט מיט אַן איינגעבוירענעם אומאָפּהענגיקייטסגעפיל, וועלכעס האָט נישט פאַרטראָגן די מינדסטע געוואַלט. דאָס האָט זיך געמוזט דערוויזן

אין יענער צייט מיין פארשטאָרבענער פריינט דר. מ. א. קאַן, וועלכער האָט געהאט מיט אים אָט־דעם שפּאַסיקן עפּיזאָד:

קאַן איז דעמאָלט געהאַט געקומען קיין בערלין מיט זיין פרוי און אָפּגערעדט מיט נעטלאַוען אַ צוזאַמענקום אין מינכן, ביכדי זיך מיט אים איינצופאַרשטיין, וואָס ס׳זאָל געשען מיט זיין ווערטפולער זאַמלונג, וועלכע האָט נעטלאַוען פאַרורזאַכט אַ סך זאָרג. הונדערטער קאַסטנס האָט ער בעתן אויסברוך פונעם ערשטן וועלטקריג געלאָזט דורך געטרייע פריינט אַוועקלייגן אין ספּעציעלע סקלאַדן אין לאָנדאָן און אין פּאַריז. אַזוי ווי ער האָט פאַרלוירן זיין פאַרמעג און צוליב דער אינפלאַציע איז ער נישט געווען אימשטאַנד צו שאַפן די היפּש גרויסע סומע, וואָס ס׳האָט באַטראָפן דאָס דירה־געלט אין די סקלאַדעס, האָט די זאַמלונג געקאָנט געראַטעוועט ווערן נאָר דורך דעם אַריינמישן זיך פון אייניקע רייכערע פריינט, צווישן זיי אויך מ. א. קאַן.

איך האָב שוין קאָנען געהאַט געלאָזט וויסן, אַז נעטלאַו לעבט אין זייער אָרעמע פאַרהעלטענישן און אים געבעטן, אַז ס׳זאָל אַראָפּגענומען ווערן פון זיין קאָפּ די שווערע זאָרג וועגן זיין זאַמלונג. אָבער ווען קאַן, וועלכער האָט פריער נעטלאַוען קיינמאָל נישט געהאַט געזען, האָט זיך אין מינכען פּלוצים אָנגעטראָפן מיט אַ מענטשן אָן אַ קאָלנער, מיט אַ צעכראַסטעטן העמד און לגמרי אָפּגעטראָגענע מלבושים און שיך, האָט אים דער אָנבליק אַזוי דערשיטערט, אַז ער האָט נישט געוווסט, וואָס צו טאָן. האָט ער זיך לסוף אָנגענומען מיט מוט און געבעטן נעטלאַוען צו גיין מיט אים אין אַ קראָם, ביכדי זיך אויף זיין חשבון צו באַקליידן און באַשיכן.

אָבער נעטלאַו האָט עס מיט באַשיידנקייט אָפּגעוואָרפן און געזאָגט מיט אַ פייַנער איראָניע: „ניין, ליבער דאָקטאָר, דאָס קאָן נישט זיין. היינט קויפט איר מיר נייע מלבושים און מאָרגן פאַרלאַנגט איר אפשר פון מיר, אַז איך זאָל זיך אָפּשערן די באָרד. ניין, ניין! דאָס קאָן באמת נישט זיין.

קאַן איז געווען ווי פאַרבליפט און ער האָט, ווי אַ פּראַקטישער אַמעריקאַנער, אַזעלכעס לגמרי נישט געקאָנט פאַרשטיין. אַפילו דעמאָלסט, ווען ער האָט מיר, אַ סך שפּעטער שוין, דערציילט דידאָזיקע מעשה, האָט ער נאָך אַלץ נישט געוווסט, ווי אַזוי ער זאָל דאָס פאַרשטיין און טייטשן, און ער האָט גערעכנט, אַז נעטלאַו דאַרף מיסתמא זיין אַ זייער אויסטערלישער מענטש.

נו, אינגאַנצן אומגערעכט איז ער אויך נישט געווען, מחמת אַ מענטשן פון זיין סאָרט באַגעגנט מען אפשר נאָר איינמאָל אין לעבן. אָבער דווקא זיין אייגנאַרטיקייט איז ביי אַ מענטשן, וועלכער האָט אין זיין לעבן אויפגעטאָן אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע זאַכן, איינע פון זיינע שענסטע זייטן. פונקט ווי זיין ווערק איז געווען איינציק אין זיין מין, אַזוי איז אויך דער כאַראַקטער פון זיין באַשאַפער נישט געווען קיין טאָגטעגלעכע דערשיינונג, וועמען מ׳קאָן אָנטרעפן אין יעדן ראָג. נעטלאַו איז בלי שום ספק געווען אַ מאָדנע־מערקווירדיקער מענטש און ווער ס׳האָט אים נישט געקאָנט נענטער, האָט זיך נישט איינמאָל געמוזט פילן מאָדנע געטראָפן דורך אַ געוויסער אַלטמאָדישקייט אין זיין לעבנסשטייגער און אין זיין פּערזענלעכן אויפפיר, וועלכער האָט הויפּיק

געמאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק. אָבער פונדעסטוועגן האָבן אַלע, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק צו קומען מיט אים אין נענטערן באַריר, איינגעזען די גרויסע מעלות פון זיין זעלטן־גוטן כאַראַקטער, פון זיין נאַטירלעכער בשמהדיקער גוטקייט, זיין נישט נאָכגעביקן געפיל פאַר גערעכטיקייט, זיין אומאָפּהענגיקייט אינעם דענקען און זיי וואָלטן אים נישט געווען געוואָלט זען אַנדערש ווי ער איז געווען.

דערביי איז נעטלאַו געווען לגמרי פריי פון פּוסטער איינרעדעניש, וועלכע איז שטענדיק אַ סימן פון גייסטיקער מיטלמעסיקייט. זיין פּערזענלעכער אויפפיר איז שטענדיק געווען בהסכם מיט זיין גאַנצן לעבנסבאַנעם און ער איז קיינמאָל נישט געווען פּאַרלעצנדיק אָדער צודרינגלעך. די שטילע עניוות ביי אַ מענטשן מיט אַזוי פיל אַרומנעמענדיקע און אויסערגעוויינלעכע קענטעניש האָט דווקא געווירקט אָנגענעם. צום בעסטן האָט ער זיך געפילט, ווען ער האָט זיך געקאָנט אָפּגעבן מיט זיין אַרבעט און איז נישט געשטערט געוואָרן פון קיינעם קעגן זיין ווילן. קיין שום אַנדערע זאַך איז פאַר אים נישט געווען אַזוי פּיינלעך, ווי ווען זיין פּערזאָן איז דורך עפּעס אַ צופאַל אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם סצענאַריום־ליכט פון דער עפנטלעכקייט, וועלכעס האָט, אגב, גאַנץ זעלטן פּאַסירט. ער איז אין אַזעלכע פאַלן געווען לגמרי אומבאַהאָלפן און לחלוטין נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל אָנהייבן צו טאָן. איך האָב איינמאָל ביי אַזאַ געלעגנהייט געהאַט די מעגלעכקייט אים צו באַאָבאַכטן און איך האָב דעם איינדרוק קיינמאָל נישט פאַרגעסן. געווען איז דאָס אין באַרסעלאָנאַ קורץ נאָכן פאַלן פון דער שפּאַנישער מאָנאַרכיע. נעטלאַו פלעגט פון זינט 1927 כמעט יעדעס יאָר אָפּשטאַטן אַ וויזיט דער פאַמיליע מאָנטסעני (אוראַלעס) און ער פלעגט מיר אָפט שרייבן, ווי גוט ער פילט זיך אין אָט־דעם פריינטלעכן קרייז. ער האָט חוצדעם אַנטדעקט אין אַ קליינער עפנטלעכער ביבליאָטעק אין באַרסעלאָנאַ אַ שלל ווערטפולע דאָקומענטן פון דער צייט פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, אַזוי אַז ער האָט בעת זיינע באַזוכן געקאָנט פאַרבינדן דאָס איינגענעמע מיטן נוצלעכן, וואָס איז פאַר אים געווען פון גאָר באַזונדערער וויכטיקייט.

נעטלאַו איז געווען גאָר שטאַרק אָנגעלייגט און באַליבט ביי די חברים אין באַרסעלאָנאַ, אַ זאַך, וואָס האָט זיך סומך געווען אויף קעגנזייטיקייט, מחמת ער האָט צו דער שפּאַנישער באַוועגונג תמיד, אין משך פון זיין גאַנצן לעבן, אַרויסגעוויזן מער סימפּאַטיעס ווי ווען־ס'איז אַנדערן. אַ סך פון זיינע בעסטע ווערק זיינען דערשינען אין דער שפּאַנישער שפּראַך, אַזוי אַז ער איז פאַר די שפּאַניער נישט געווען קיין אומבאַקאַנטער.

ווען ס'איז אין יאָר 1932 פאָרגעקומען אין מאַדריד דער קאָנגרעס פון דער „קאָנפעדעראַסיאָן נאַסיאָנאַל דעל טראַבאַכאָ" („סע.ענע.טע."), נאָך וועלכן ס'איז תיכף פאָרגעקומען דער פערטער קאָנגרעס פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אַסאָסיאַציע" („אי.אַ.אַ."), בין איך מיט אַ היפּשער צאָל אויסלענדישע דעלעגאַטן געפאָרן קיין שפּאַניע, כּדי זיך צו באַטייליקן אין ביידע צונויפפאָרן. ביי אָט־דער געלעגנהייט האָב איך זיך ווידער באַגעגנט מיט נעטלאַוען אין באַרסעלאָנאַ. מיר, די דעלעגאַטן, זיינען פאַרבליבן איניקע טעג אין באַרסעלאָנאַ, וווּ די חברים האָבן צונויפגערופן

אַ ריזיקע פֿאַרזאַמלונג, ביכדי אונדז צו באַגריסן, און צו וועלכער ס׳זיינען געקומען 18.000 מענטשן. אויך נעטלאַו איז דאָרטן געווען, ביכדי צו זען די מאַניפֿעסטאַציע ווי אַ שטילער צוקוקער. האָט מיסתּמא עמיץ געלאָזט וויסן דעם פֿאָרזיצער פֿון דער פֿאַרזאַמלונג וועגן זיין אָנוועזנהייט, ווייל נאָך אַ קורצער הפסקה האָט ער מיט אייניקע ענטוזיאַסטישע ווערטער איבערגעגעבן דער פֿאַרזאַמלונג, אַז נעטלאַו געפֿינט זיך צווישן אונדז און ער האָט אים געבעטן צו זאָגן עטלעכע ווערטער. איך בין איבערצייגט, אַז ווען נעטלאַו וואָלט געווען פֿאָרגעפֿילט וואָס עס שטייט פֿאַר אים, וואָס ס׳וועט מיט אים פּאַסירן, וואָלט ער זיכער נישט געווען געקומען צו דער פֿאַרזאַמלונג. אָבער דאָ האָט שוין גאָרנישט געקענט העלפֿן. די אַלגעמיינע אָוואַציע, מיט וועלכע דעם פֿאָרזיצערס ווערטער זיינען באַגריסט געוואָרן, האָבן אים נישט איבערגעלאָזט קיין פּלאַץ פֿאַר קיין צוריקציִ. ער האָט זיך געמוזט באַווייזן אויף דער רעדנערטריבונע. נאָכדעם ווי דער באַגריסונגס־שטורעם האָט זיך איינגעשטילט, האָט ער זיך לייכט פֿאַרנייגט און אַ זאָג־געטאָן: „חברים, איך דאַנק אייך!‟ און תּיכּף אויף גיך פֿאַרלאָזט די טריבונע, ביכדי זיך אויסצומישן מיטן עולם.

אויך אין דער פּרייהייטלעכער באַוועגונג האָט נעטלאַו פֿאַרנומען אַ ספּעציעלן פּלאַץ. ער האָט זיך אָפּן אָנגעגעבן ווי אַן אַנאַרכיסט, אָבער נישט באַלאַנגט צו קיין שום באַשטימטער שול. נישט טאָקערס אינדיווידואַליסטישער אַנאַרכיזם און אויך נישט קראָפּאָטקינס קאָמוניסטישער אַנאַרכיזם האָבן אים געקאָנט איינגאַנצן באַפֿרידיקן. ער האָט זיך גיכער געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז אַלע צוגעטראַכטע עקאָנאָמישע סיסטעמען וואָלטן צוערשט געדאַרפֿט אויסגעפּרוווט ווערן דורך דער פּראַקטישערווירקלעכקייט פֿונעם לעבן און אַנאַליזירט ווערן לויט זייער אינהאַלט; ווייל זאַכן, וועלכע זעען־אויס אין דער טעאָריע זייער לאָגיש און צוועקמעסיק, טרעפֿן זיך אָן אין דער פּראַקטיק אויף אַן אומגעריכטן ווידערשטאַנד, וועלכע קיינער האָט נישט געקאָנט האָבן פֿאָרויסגעזען. יעדער עקאָנאָמישער סיסטעם קאָן דעריבער באַטראַכט ווערן נאָר ווי אַ מיטל פֿאַר אַ באַשטימטן צוועק, אָבער קיינמאָל נישט ווי אַ צוועק אַן און פֿאַר זיך. זיין אייגנטלעכער ווערט לאָזט זיך אָפּמעסטן נאָר לויט דעם, אויף ווי ווייט ער איז ניצלעך אָדער שעדלעך פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון אַ פֿרייער מענטשהייט. דעריבער האָט זיך אים דער פֿרייער עקספּערימענט אויסגעוויזן ווי דער איינציקער קריטעריום פֿון באַמתדיקער פֿרייער געזעלשאַפֿט, מחמת נאָר די דערפֿאַרונג איז אימשטאַנד צו באַווייזן דאָס, וואָס איז ביי טעאָריעס ריכטיק אָדער פֿאַלש.

נעטלאַו איז דעריבער אויך געווען דער ערשטער, וועלכער האָט פֿאַרטראָטן די שטעלונג פֿונעם רעכט פֿון די מינדערהייטן אינעם סאָציאַליזם, ווייל אָן דעם וועט זיך יעדע נייע איבעראַנדערשונג פֿון דער געזעלשאַפֿט זיכער פֿאַרענדיקן מיט א נייער באַרבאַריע. ער האָט מיט גרויסער שאַרפֿזיניקייט איינגעזען, אַז ביי דער אַזוי גרויסער פֿאַרשידנדיקייט אינעם לאַגער פֿונעם היינטצייטיקן סאָציאַליזם, איז אוממעגלעך אַן איבערקער לויט דער ליניע פֿון איין באַשטימטער ריכטונג, און ווו דאָס ווערט דער־גרייכט מיט ברוטאַלער געוואַלט, מוז עס פֿירן נישט אַנדערש ווי נאָר צו אַ פֿולשטענ־דיקער אונטערדריקונג פֿון אַלע אַנדערע ריכטונגען, ווי דאָס ווערט פֿאַר אונדז היינט־

צוטאָג אַזוי דראַסטיש באַוויזן דווקא דורכן רוסישן ביישפּיל, וועלכעס נעטלאַו האָט נאָך פון פריער פאָרויסגעפילט. נעטלאַו האָט דעריבער דורך אַ סך אַרטיקלען געפּרווט, נאָכן פאַריקן וועלטקריג, ווען די וועלט האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט גרויסע סאָציאַלע ענדערונגען, צו שאַפן אַ פאַרשטייעניש אין אָט־דעם זין צווישן די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, אינוויפערווייט זיי זיינען נישט אינגאַנצן אַריינגעפאַלן אינעם משוגעת פון דער דיקטאַטור. און ווען אַפילו זיינע פאָרלייגן זיינען דעמאָלסט פאַרקלונגען געוואָרן ווי אַ קול אין דער מידבר און קוים גענומען געוואָרן אין באַטראַכט, איז עס אָבער פונדעסטוועגן אומאָפּפרעגבאַר, אַז ער האָט דעם תמצית פונעם פּראָבלעם גוט באַנומען. בלויז דורך דער אָנערקענונג פונעם רעכט פאַר די מינדערהייטן, וועלכע זאָל יעדער סאָציאַליסטישער ריכטונג דערמעגלעכן אַ פרייע קאָנסטרוקטיווע שאַפונגסטעטיקייט, איז ביכלל מעגלעך צו דערגרייכן אַ נייעם איבערבוי פון דער געזעלשאַפט אינעם סאָציאַליסטישן גייסט. יעדער אַנדערער וועג דערפירט סוף־כל־סוף צו אַ דיקטאַטור און צו אַ פאַרלייקענונג פון אַלע מענטשלעכע רעכטן און פרייהייטן *).

אַפילו צו די אכזריותדיקע רעליגיעזע קאַמפן, דורך וועלכע דאָס לעבן פון די אייראָפּעישע פעלקער איז במשך פון דורות צעטרייסלט געוואָרן ביז אין די טיפסטע טיפענישן, האָט ענדלעך גענומען אַ סוף מיט דער אָנערקענונג פון דער אמונה־פרייהייט, וועלכע לאָזט יעדן איינעם זיך פילן גליקזעליק אויף זיין אייגענעם שטייגער. נעטלאַו האָט דעריבער געזאָגט מיט רעכט, אַז אויב דער סאָציאַליזם וועט זיך נישט קאָנען אויפהייבן צו דער הויך פון אַזאַ ענלעכער טאָלעראַנץ, וועט ער האָבן לגמרי צעפּאַטערט זיין ציל ווי אַ געזעלשאַפטלעכער אידעאַל פאַר דער צוקונפט און ער וועט דאַרפן באַטראַכט ווערן בלויז ווי אַ נייער רינג אין דער קייט פון דער פאַרקנעכטונג.

נעטלאַו האָט אין זיין באַנעם געשטעקט טיף אין דער ליבעראַלער אידעאָלאָגיע פונעם 19טן יאָרהונדערט. דאָס וויל אָבער לחלוטין נישט זאָגן, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די שפּעטערדיקע אידעאַלן פון אונדזער צייט. אָבער ער האָט אויך געזען זייערע שאָטנדיקע זייטן און געהאַט אַ גענוג ווייטן בליק, ביכדי צו דערקענען, אַז נישט יעדע אַנטוויקלונג איז טאַקע אַ פּראָגרעס. ער האָט געפילט, אַז די גרויסע טעכנישע דערגרייכונגען פון דער צייט האַלטן נישט אָן דעמזעלביקן שריט און ריטם מיט דער אַנטוויקלונג פונעם מענטשנס עטישן באַוווסטזיין און אַז דאָס געזעלשאַפטלעכע געפיל גייט דעריבער כסדר באַרג־אַראָפּ. די מעכאַניזירונג פון דערווירטשאַפט, וועלכע קומט־פאָר מיט אַ כסדר שטאַרקער ווערנדיקן ריטם, און די כסדר שטאַרקער ווערנדיקע שטרעבונג צו צענטראַליזאַציע מיצד די מאָדערנע מלוכות, האָבן אויך מעכאַניזירט דאָס דענקען און פילן פון די מענטשן און אַרויסגעבראַכט אָן אַ שיער סאָציאַלע טעאָריעס, וועלכע האָבן אונטערגעגראָבן אונדזער מאָראַל און די מענטשן געמאַכט אומפעיק זיך אַרויסצושטעלן קעגן דער צרה, וועלכע האָט זיי

*) אין מיין בוך „מאַקס נעטלאַו אי סו אָבראַ“, וועלכעס איז ביז איצט בלויז אַרויס אין שפּאַניש, האָב איך זיך מער פאַרנומען מיט אָט־דעם געדאַנקענגאַנג פון מיין פאַרשטאָרבענעם פריינט און איך קאָן עס דעריבער רעקאָמענדירן דעם שפּאַניש־לייענער.

געדראָט. נעטלאַו האָט אין אָט־די דערשיינונגען געזען די גרעסטע סכנה פון אונדזער־צייט און די אייגנטלעכע סיבה פון די שווידערלעכע סאָציאַלע קאַטאַסטראָפעס, פון וועלכע די וועלט איז געטראָפן געוואָרן.

נעטלאַו איז געווען א שונא פון אַלע דאָגמעס און פוסטע לאָזונגען, וועלכע דער־לאָזן נישט דאָס זעלבסטשטענדיקע דענקען און פאַרקאָווען עס אין קייטן. דער דעס־פּאָטיזם פון פריער צוגעטראַכטע אידייען איז אים געווען פונקט אַזוי דערווידער ווי יעדער פּאָליטישער אָדער עקאָנאָמישער דעספּאָטיזם. ער פלעגט זיך אָפט אָנרופן „בופר" און ער איז טאַקע געווען אַזעלכער, מחמת ער האָט זיך מיט זיינע מיינונגען קיינמאָל נישט באַהאַלטן הינטערן אויוון און ער פלעגט אויך זיינע אייגענע חברים אָפּט אַריינזאָגן געוויסע אומבאַקוועמע אמתן, צו וועלכע מ'האָט זיך, צום באַדויערן, נישט גענוג צוגעהערט. ער האָט דאָס אויך געוווסט און זיך טיילמאָל געפילט דערשלאָגן און צוגעלייגט צוליב דעם. אַזוי האָט ער מיר טאַקע איינמאָל געשריבן: „דאָס אייגענע דענקען איז די שווערסטע פון אַלע אַרבעטן, ווי מיר דאַכט זיך. און פונדעסטוועגן איז אַן איינציקע נייע אָנרעגונג מער ווערט ווי אַ גאַנצער שאָק פאַר־שימלטע טעאָריעס, וועלכע האָבן אונדז גאָרנישט מער צו געבן און זיי דינען בלויז פאַרן רוב ווי דעקאָראַציעס, ביכדי צו פאַרהוילן די אייגענע פוילקייט צו דענקען".

מיט אים האָט דער פריהייטלעכער סאָציאַליזם פאַרלוירן איינעם פון זיינע באַ־דייטנדיקסטע און אייגנאַרטיקסטע פאָרשטייער. וועגן זיין שפּעטערדיקער אַקטיוויטעט און זיין טראַגישן סוף וועט נאָך גערעדט ווערן אויף אַן אַנדער אָרט.

# די באַשערטקייט פונעם גורל

דער „קאָמוניסטישער־אַרבייטער־בילדונגס־פעראיין" האָט קורץ פאַרן לאָנדאָנער קאָנגרעס געהאַט אויפגעגעבן זיין היים אין גרעפטאָן האַל. די סיבה דערפון איז געווען, אַז די חברים זיינען מער נישט געווען אימשטאַנד צו שאַפן דאָס טייערע דירה־געלט. ס'איז אונדז אָנגעקומען שווער אָנצונעמען אַזאַ באַשלוס, מחמת די אַלטע היים איז אונדז געווען איינגעבאַקן אין האַרץ און יעדער איינער האָט געוווּסט, אַז אַן ענלעכן פלאַץ וועט מער נישט מעגלעך זיין צו באַקומען. דאָס הויז איז פאַרקויפט געוואָרן פאַר אַ זייער גינציקן פרייז און ס'איז אונדז געווען לייכט איינצואָרדענען אַ נייעם קלוב אין שאַרלאָט סטריט, וועלכער האָט אונדז, וואָס אמת, נישט געקאָנט אָנבאָטן דיזעלביקע באַקוועמלעכקייטן, אָבער פונדעסטוועגן, איז ער געווען גענוג צוגעפּאַסט, אַז מיר זאָלן ווייטער קאָנען אָנפירן אונדזער אַרבעט.

און ווען אַפילו ס'איז טאַקע געווען זייער איינגענעם צו האָבן אַן אייגענע היים, וווּ מ'האָט צו יעדער צייט זיך געקאָנט צוזאַמענטרעפן מיט די חברים און ביי די וועכנטלעכע דיסקוסיע־אָוונטן אויסטוישן געדאַנקען מיט אַנדערע, האָט מיך אָבער דידאָזיקע טעטיקייט אויף כסדר נישט געקאָנט באַפרידיקן, מחמת איך האָב איינגעזען, אַז דערמיט ווערט פאַר דער באַוועגונג ווייניק געוווּנען. ס'איז נישט געווען פאַרהוילן פאַר מיר, אַז דאָס קלוב־לעבן אין לאָנדאָן איז געווען אַ באַדערפעניש פאַרן געזעל־שאַפטלעכן פאַרקער, אָבער ס'איז מיר אויך גאָר באַלד קלאָר געוואָרן, אַז אויף דעם אופן קומט מען קיינמאָל נישט אַרויס ווייטער איבער אַ באַשטימטן קרייז. מ'זעט תמיד דיזעלביקע פנימער און מ'הערט כימעט תמיד דיזעלביקע אַרגומענטן. און אַנדערש איז עס דאָך נישט מעגלעך, ווייל אַ באַוועגונג פון עמיגראַנטן קאָן קיינמאָל נישט האָבן קיין איינפלוס אויף די פאַרהעלטענישן פונעם לאַנד, אַ פשיטה שוין אין ענגלאַנד, און די מענטשן אירע זיינען דעריבער אויף שטענדיק פאַרמישפּט צו לעבן צווישן זיך.

איך האָב זיך דעריבער אָוועקגעשטעלט די פראַגע, צי ס'וואָלט נישט מעגלעך געווען צו אונטערשטיצן די באַוועגונג אין דייטשלאַנד גופא שטאַרקער ווי מ'האָט עס געטאָן ביז איצט. מיר פלעגן צושיקן צו די חברים פון דייטשלאַנד און עסטרייך פון צייט צו צייט גרעסערע סומעס געלט, וועלכע זיינען זיי זיכער גוט צונוצגעקומען. אָבער דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט אונדזער גאַנצע טעטיקייט. איז מיר איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז מ'וואָלט דער באַוועגונג זייער פיל געקאָנט העלפן דורכן אַרויסגעבן

גרעסערע ווערק פון קראָפּאָטקין, גראַווו, מערלינאָ, טשערקעסאָוו א.א.וו., וועלכע האָבן טאַקע אין דייטשלאַנד אַזוי שטאַרק אויסגעפעלט. אונדזער גאַנצע ליטעראַטור האָט זיך דעמאָלסט באַשרענקט אויף אַ קליינער צאָל בראָשורן, וועלכע זיינען על־פּי־רוב געווען צוגעפּאַסט צו די אוממיטלבאַרע באַדערפענישן פון דער פּראָפּאַגאַנדע. דער רוב פון דידאַקטיקע קליינע ביכלעך, וועלכע זיינען בשעת דעם סאָציאַליסטנגעזעץ אַרויסגעגעבן געוואָרן פון יאָהאַן מאָסט אין ניו־יאָרק און פון דער גרופּע „אויטאָנאָמי" אין לאָנדאָן און פאַרשפּרייט געוואָרן בסוד אין דייטשלאַנד, זיינען שוין דעמאָלסט געווען זעלטן צו באַקומען. אייניקע פון זיי זיינען פון די חברים אין דייטשלאַנד גופא איבערגעדרוקט געוואָרן און זיי פלעגן על־פּי־רוב דערשיינען אין אַ פאַרקירצטער פאָרעם, ווייל אַ פולשטענדיקער איבערדרוק איז ביי די דעמאָלסטיקע דייטשע דרוק־פאַרהעלטענישן געווען אוממעגלעך. דאָס איינציקע גרעסערע ווערק, וועלכעס איז ביז דעמאָלסט געהאַט דערשינען אין דייטש, איז געווען קראָפּאָטקינס „לאַ קאָנקעטע די פּען", וועלכעס בערנאַרדאָ קאַמפּפמייער האָט מיט אייניקע יאָר צוריק איבערגעזעצט אין דייטש אונטערן טיטל „וואָלשטאַנד פיר אַללע".

האָב איך דעריבער געזוכט צו געווינען אייניקע חברים פאַר מיין פּלאַן. דאָס איז מיר טאַקע נישט אָנגעקומען שווער, מחמת די נוצלעכקייט פון אַזאַ אַרבעט איז געווען קלאָר פאַר יעדן איינעם און האָט אויך געדאַרפט זיין פאַר די חברים אין דייטשלאַנד גופא שטאַרק אָנגעלייגט. זיינען מיר גאָר אינגיכן געווען אַ טוץ גוטע חברים, וועלכע האָבן צונויפגעשטעלט אַ באַזונדערע גרופּע און תיכף אָנגעהויבן די אַרבעט. אַזוי ווי מיר האָבן נישט געהאַט די נייטיקע מיטלען, כדי צו קאָנען אַרויסגעבן מיט איינמאָל אַ גרעסער ווערק, האָבן מיר באַשלאָסן די אין באַטראַכט קומענדיקע ביכער אַרויסצוגעבן ביסלעכווייז, אַזוי צו זאָגן, ד. ה. אַזוי, אַז יעדן חודש זאָל אַרויסקומען אַן אָפּגעשלאָסן העפטל. אויף מיין פאָרלייג האָט מען קודם־כל אָנגעהויבן מיט קראָפּאָטקינס „פּאַראָל ד'ען רעוואָלטע", וועלכעס איז געווען באַזונדערס גוט צוגעפּאַסט פאַר דעם צוועק. דער ערשטער בויגן איז אַרויס אין דעצעמבער 1895 און האָט אַנטהאַלטן די ערשטע דריי קאַפּיטלעך פונעם ווערק, וועלכעס מיר האָבן אַרויסגעגעבן אונטערן נאָמען „וואָרטע איינעס רעבעללען".*) די אַרבעט אין דער נייער גרופּע האָט אונדז אַלעמען פאַרשאַפט גרויס באַפרידיקונג. ס'האָט דאָרט געהערשט אַן אָנגענעמע שטימונג; יעדער האָט געפילט, אַז ער העלפט־צו ביי אַ נוצלעכער זאַך און ער האָט דערביי געפונען אַ אינערלעכע באַפרידיקונג. יעדער מין אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פרייוויליק, בלויז דעם דרוקער האָט מען נאַטירלעך געמוזט באַצאָלן. איך האָב אין מיין פרייער צייט געמאַכט די איבערזעצונג פון דער פראַנצויזישער שפּראַך, האָב באַזאָרגט דאָס אָפּשיקן די פּעקלעך און האָב געפירט די קאָרעספּאָנדענץ מיט די חברים אין דייטשלאַנד, ביי וואָס אייניקע צוטרוילעכע חברים האָבן מיר געהאָלפן אין יעדן מין הילף, וועלכע איך האָב באַדאַרפט האָבן. די געלטסומעס, וועלכע מיר האָבן באַ־

*) אין יידיש זיינען פאַראַן צוויי אויסגאַבעס פון אָט־דעם ווערק, — אַן אַמעריקאַנישע און אַ פּוילישע.

דאַרפט האָבן פאַר דער דרוקאַרבעט און פאַר די פּאָסטאויסגאַבן, זיינען אַריינגעקומען לייכטער און אין גרעסערע סומעס ווי מיר האָבן זיך געריכט. אויך ווילהעלם ווערנער, וועלכער האָט דעמאָלסט געאַרבעט אין נאטינקהעם, האָט פון גאַנצן האַרץ באַגריסט אונדזער אקטיוויטעט און אונדז רעגלמעסיק צוגעשיקט זיין צושטייער.

ווי נאָר דער דרוקער האָט אונדז איבערגעגעבן די נישט־געקנייטשטע בויגנס, זיינען מיר זיך צונויפגעקומען אין חבר אַוגוסט שטראַקעס וואַרשטאַט, ווו מיר האָבן זיי געקנייטשט און בראָשירט, וואָס איז אונדז אָנגעקומען גאָר לייכט, מחמת חוץ ראָמאַן און איך האָט באַלאַנגט צו אונדזער גרופע נאָך אַן איינבינדער. דעם זאַץ און דרוק האָט באַזאָרגט קאָנראַד פרעליך, יענער אויסטערלישער מענטש, וועגן וועמען מיר האָבן שוין פריער גערעדט און מיט וועמען איך האָב זיך אַזוי אָרום באַקענט. פרעליך האָט זיך נאָך מיט יאָרן צוריק געהאַט צוריקגעצויגן פון יעדער עפנטלעכער אַקטיווי־טעט און ער האָט דעמאָלסט געהאַט אַ קליינע דרוקעריי, אין וועלכער ער פלעגט אליין טאָן אַלע אַרבעטן. ער איז געווען אַ גוטער דרוקער און אַזוי ווי ער האָט אונדז צוגע־שטעלט די אַרבעט אויף אַ זייער ביליקן פרייז, האָבן מיר אים געגעבן פרעפערענץ. מיט דער גרופע גופא האָט ער נישט געהאַט די מינדסטע שייכות און זיך קיינמאָל נישט באַטייליקט אין קיין שום זיצונג. די באַציונגען, וועלכע מיר האָבן מיט אים געהאַט, זיינען געווען ריין קאָמערציעלע. אויף דעם אופן האָבן מיר אין משך פונעם קומענדיקן יאָר אַרויסגעגעבן ניין אָדער צען בויגנס און שוין כימעט געהאַט פאַרענ־דיקט דאָס ווערק, ווען אָט־דידאָזיקע נוצלעכע אַרבעט איז פּלוצים איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ גראָטעסקער פּאַסירונג, וועלכע האָט מיך באַוויגן פולשטענדיק אָפּצו־שטעלן מיין אַקטיוויטעט אין דער לאָנדאָנער דייטשער באַוועגונג און ס'זיינען אַריבער יאָרן, ביז איך האָב זיך פונדאָסניי געקאָנט דעצידירן דאָרט ווידער אָנצוהייבן מיין פריערדיקע טעטיקייט.

ווען איך קוק היינט צוריק אויף יענעם עפּיזאָד, ווייזט ער זיך מיר אויס שטאַרק לעכערלעך און כימעט אומבאַגרייפלעך. דעמאָלסט אָבער איז מיר גאָרנישט געווען פריילעך אויפן האַרצן, מחמת ס'האָט נישט געפעלט קיין סך, אַז יענע פּאַסירונגען זאָלן געווען זיין גורלדיק־אַנטשיידנדיק פאַר מיר.

אין אָקטאָבער אָדער נאָוועמבער פון יאָר 1896 איז געקומען קיין לאָנדאָן אַ גע־וויסער טעאָדאָר מאַכנער פון בערלין. קיינער פון אונדז האָט קיינמאָל גאָרנישט געהאַט געהערט פריער וועגן אים. אויך איך האָב קיינמאָל נישט געהערט זיין נאָמען, הגם איך בין דעמאָלסט געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די חברים אין אַלע טיילן פון דייטש־לאַנד, וועלכע פלעגן באַקומען אונדזערע אויסגאַבן. ערשט קורץ פאַר זיין אָנקומען קיין לאָנדאָן האָבן מיר דאָס ערשטע מאָל געהערט זיין נאָמען און טאַקע דורך אַן אייגנ־אַרטיקער אַנטדעקונג אינעם „סאָציאַליסט״, וועלכע האָט דעמאָלסט געמאַכט אַ גרויסע סענסאַציע.

מאַכנער איז אין סעפּטעמבער 1896 געקומען פון דער שווייץ קיין בערלין מיט דער כוונה פון דאָרט צו פאָרן קיין דענעמאַרק. לויט זיין דערקלערונג איז ער אין ציריך און בערן, ווו ער האָט געאַרבעט ווי אַן איינבינדער, דורך די אינטריגעס פון

דער דייטשער פּאָליטישער פּאָליציי, פּאַרטריבן געוואָרן פון דער אַרבעט, און ער האָט דעריבער באַשלאָסן אָנצונעמען אַ שטעלע אין קאָפּענהאַגען. בעת זיין רייזע איבער דייטשלאַנד איז ער אין יעדער שטאָט, וועלכע ער איז פאַרבייגעפאָרן, אָפּגעהיט גע־וואָרן פון דייטשע געהיימאַגענטן אויף אַזאַ אויפפאַלנדיקן אופן, וואָס איז אַפילו ביי די דעמאָלסטיקע פאַרהעלטענישן אין דייטשלאַנד געווען חוץ לדרך הטבע. מ׳איז אים נאָכגעגאַנגען אויף שריט און טריט און מ׳האָט אים אַפילו אויף קיין איין רגע נישט אַרויסגעלאָזט פונעם אויג. אין בערלין האָט ער באַזוכט די אַרויסגעבער פונעם „סאָ־ציאַליסט״ און איז מיט אייניקע טעג נאָכדעם אָפּגעפאָרן קיין שטעטין, ביכדי פון דאָרט אָפּצופאָרן מיט אַ שיף קיין דענעמאַרק. לויט זיין דערקלערונג איז ער אין שטעטין, אויף דער גאַס, אַרעסטירט געוואָרן, אָבער נאָך אייניקע שעה האָט מען אים באַפרייט. ווען די שיף, וועלכע האָט אים געבראַכט קיין קאָפּענהאַגען, איז אָנגעקומען אין האַפן, איז מאַכנער באַלד פאַרנומען געוואָרן פון דער דענישער פּאָליציי, וועלכע האָט אים תיכף צוריק אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד, ביי וואָס מ׳האָט אים אַפילו נישט געלאָזט וויסן די סיבות דערפון. די סיבות פון אָט־דעם פאַר דענעמאַרק אַזוי אויסטערלישן פאַל האָט מען שפּעטער געוואָלט דערקלערן מיטן פאַקט, וואָס דער רוסישער צאַר איז דעמאָלסט געווען צוגאַסט אין קאָפּענהאַגען און מ׳האָט אים געוואָלט אויסהיטן פון רעוואָלוציאָנערע אַטענטאַטן.

ווען מאַכנער איז ווידער אָנגעקומען קיין שטעטין, איז ער פונדאָסניי אַרעסטירט געוואָרן. ער איז אויסגעפאָרשט געוואָרן פונעם פּאָליציי־קאָמיסאַר בעזעל, וועלכער איז ספּעציעל פאַר דעם צוועק געקומען פון בערלין. ביי דערדאָזיקער געלעגנהייט האָט אים בעזעל פּלוצים אַ פרעג־געטאָן, צי ער שטייט שוין אין דינסט פון אַן אויסלענדי־שער פּאָליציי. מאַכנער האָט דאָס געלייקנט. האָט אים בעזעל פאָרגעלייגט, אַז ער זאָל זיך שטעלן אין זיין דינסט און אים צושטעלן ידיעות פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, פאַרוואָס ער וועט אים באַלוינען. לויט מאַכנערס אייגענער שילדערונג האָט ער לסוף איינגעשטימט אויף אָט־דעם פאָרלייג, ביכדי — ווי ער האָט געזאָגט — זיך אַרויסצודרייען פון ווייטערדיקע צרות. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגערעדט מיט בע־זעלן, ווו ער וועט אים אין בערלין קאָנען טרעפן, ביכדי פון אים צו נעמען ווייטער־דיקע אָנווייזונגען, איז ער תיכף אָפּגעלאָזן געוואָרן. אויך האָט אים דער קאָמיסאַר געבעטן, אַז ער זאָל אים איבערלאָזן מאָסטס „רעוואָלוציאָנערע קריגס־וויסנשאַפט״, וועלכע איז געפונען געוואָרן אין זיין, מאַכנערס, וואַליזקע, מחמת ער אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט אַזעלכע זאַכן. איז מאַכנער אויך אויף דעם איינגעגאַנגען.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין בערלין, האָט ער אויפגעזוכט בעזעלן אויפן פריער אָפּגערעדטן אָרט. האָט יענער אים דערקלערט, אַז ער האָט באַשלאָסן אים צו שיקן קיין לאָנדאָן, ביכדי צו האַלטן אַן אויג אויף דער דייטשער באַוועגונג און באַזונדערס אויף געוויר צו ווערן, ווער ס׳זיינען די מענטשן פון טאַט. פאַר דעם צוועק זאָל ער זיך אויף די צונויפקומען אַרויסשטעלן שטאַרק רעוואָלוציאָנערער, ביכדי צו געווינען דעם צוטרוי פון די חברים. ס׳איז אויך אָפּגערעדט געוואָרן, אַז מאַכנער זאָל אין לאָנדאָן אָנהייבן אַרויסגעבן אַ ראַדיקאַלע צייטונג, וועלכע זאָל דורך איר רעוואָלוציאָ־

נערן אופן שרייבן קאָנען לייכט פאַרשטויסן לאַנדאַוערס „סאָציאַליסט“. נאָכדעם ווי מאַכנער האָט געשלאָסן אַ פאָרמעלן אָפּמאַך מיט דער פּאָליציי און אים אונטערגעשריבן, האָט אים בעזעל געגעבן צען מאַרק ווי אַן אַדערויף און אים איבערגעגעבן די מיסיע בעת זיין אויפהאַלט אין בערלין צו שפּיאָנירן די אַרויסגעבער פון „סאָציאַליסט“ און אים איבערצושיקן אַלע אינפאָרמאציעס אונטערן נאָמען קירכהיים. ביכדי אים צו פאַרלייכטערן דידאָזיקע אַרבעט, האָט בעזעל געזאָלט זאָרגן דערפאַר, אַז מאַכנערן זאָלן שטענדיק נאָכגיין אייניקע געהיימפּאָליציאַנטן, מחמת דאָס, האָט דער קאָמיסאַר געמיינט, וועט פאַרגרעסערן זיין אָנזען צווישן די חברים.

מאַכנער איז דערנאָך אַוועק אין לאָקאַל פונעם „סאָציאַליסט“ און דערציילט לאַנדאַוערן און זיינע פריינט אַלעס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען צווישן אים און בעזעלן. ער האָט אויך אַוועקגעגעבן די צען מאַרק, וועלכע ער האָט באַקומען פון דער פּאָליציי, די אַרויסגעבער פונעם „סאָציאַליסט“. אין אַ פריילעכער שטימונג האָט מען דערנאָך צונויפגעשטעלט דעם ערשטן באַריכט פאַרן קאָמיסאַר. ער איז געווען אַזוי „פעט“ צוגעגרייט און אַנטהאַלטן אייניקע אַזעלכע גראָטעסקע באַמערקונגען, אַז ס'איז געווען אַ חידוש, וואָס בעזעל האָט זיך נישט געכאַפּט. מאַכנער איז די גאַנצע צייט אָפּגעהיט געוואָרן פון די אַגענטן פון דער פּאָליטישער פּאָליציי אויף אַזאַ אויפפאַלנדיקן אופן, אַז מ'האָט בולט געקאָנט אָנטאַפּן מיט די הענט דעם אָנשטעל. פאַר זיין אָפּפאָר האָט בעזעל געהאַט מיט אים נאָך אַ צוזאַמענטרעף אין דער בערלינער אינדוסטריעלער אויסשטעלונג אין טרעפּטאָוו, וועגן וואָס מאַכנער האָט אויך געלאָזט וויסן לאַנדאַוערן און זיינע פריינט. מ'האָט זיך דעריבער געאייניקט צו איבערראַשן דעם הער בעזעל ביי דערדאָזיקער געלעגנהייט מיט אַ פרישער מעשה. פאַר דעם צוועק האָבן זיך לאַנדאַוער, שפּאָר און וויידנער אָנגעקלעפּט פאַלשע בערד און זיינען אַזוי, פאַרשטעלטערהייט, אויך אַוועק צו דער אויסשטעלונג. מאַכנער האָט שוין געוואַרט אויפן אָפּגערעדטן אָרט אויף בעזעלן, וועלכער איז טאַקע באַלד געקומען, אין דער באַגלייטונג פון אַ דאַמע, וועלכע ער האָט פאַר אים פאָרגעשטעלט ווי זיין שוועסטער. אין דעם אויגנבליק האָבן זיך אויך באַוויזן די דריי אַנאַרכיסטן, וועלכע מאַכנער האָט פאָרגעשטעלט פאַרן איבערראַשטן קאָמיסאַר מיט אָט־די ווערטער: „מיינע פריינט לאַנדאַוער, שפּאָר און וויידנער, הער בעזעל“. בעזעל האָט נישט אַרויסגעבראַכט קיין וואָרט, נאָר זיך גיך אַוועקגעדרייט און נעלם געוואָרן מיט זיין באַגלייטערן אין אַ זייטיקער גאַס.

דער „סאָציאַליסט“ האָט דערנאָך געבראַכט אַ לאַנג אַרטיקל: „ווי אַזוי דער קרימינאַל־קאָמיסאַר בעזעל איז געפּאַקט געוואָרן אין זיין גייעג נאָך שפּיאָנען“, אין וועלכן ס'זיינען אָנגעגעבן געוואָרן פאַר דער עפנטלעכקייט אַלע פּרטים פון אָט־דער אויסטערלישער געשיכטע. דערדאָזיקער נומער איז אַפילו תיכף קאָנפיסקירט געוואָרן פון דער פּאָליציי, אָבער אַזוי ווי מ'האָט זיך געריכט אויף דעם, האָט מען אָנגענומען די געהעריקע מיטלען און בלויז אַ גאַנץ קליינער טייל פונעם נומער איז אַריינגעפאַלן צו דער פּאָליציי.*) לאַנדאַוער און זיינע ביידע פאַרשטעלטע פריינט האָבן זיך נאָך געלאָזט

*) לאַנדאַוער איז אויפן סמך פון יענעם אַרטיקל אָנגעקלאָגט געוואָרן פאַר באַליידיקן אַ באַאַמטן און איז אַפילו געווען אַרעסטירט פאַרן פּראָצעס. אָבער אַזוי ווי מ'האָט אים נישט

פאָטאָגראַפירן און צוגעשיקט דעם הער בעזעל אַ קאָפּיע מיט דער ווידמונג: „דעם הער קרימינאַלקאָמיסאַר צום פריינטלעכן געדעכעניש פונעם שיינעם אָוונט אויף דער אינדוסטריעלער אויסשטעלונג. 1טער אָקטאָבער 1896. גוסטאַוו לאַנדאַוער, ווילהעלם שפּאָר, אַלבערט ווײדנער". אין יענעם נומער פונעם „סאָציאַליסט" זיינען אויך געשטעלט געוואָרן אין רשות פון דער פּאָליציי די צען מאַרק, וועלכע מאַכנער האָט באַקומען, אָבער מיטן אויסדריקלעכן תנאַי, אַז נאָר הער בעזעל און נישט קיין אַנדערער זאָל קומען אין דער אַדמיניסטראַציע פונעם בלאַט אָפּנעמען דאָס געלט. צו דעם האָט זיך דער שאַרפזיניקער קאָמיסאַר נאַטירלעך נישט געקאָנט דעצידירן און אַזוי אַרום זיינען די צען מאַרק מיט אייניקע חדשים שפּעטער איבערגעגעבן געוואָרן צום פאָנד פאַר אַרעסטירטע.

מאַכנער איז נאָך פאַרבליבן אַ קורצע צייט אין בערלין, אָבער ער איז פון דער פּאָליציי מער נישט באַלעסטיקט געוואָרן. ער איז דערנאָך אָפּגעפאָרן קיין לאָנדאָן, ווו ער איז פון אונדז אויפגענומען געוואָרן מיט אָפענע אָרעמס, מחמת זיינע אויסטערלישע איבערלעבענישן האָבן אונדז פאַרשאַפט גענוג שטאָף צום לאַכן. לכתחילה פלעגט ער מיך באַזוכן כימעט יעדן טאָג. ער איז געוואָרן אַ מיטגליד פון אונדזער קלוב און איז אויך צוגעטראָטן צו דער פאַרלאַגסגרופּע, און זיך באַזונדערס שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט איר אַרבעט. אין דער ערשטער צייט איז אַלעס געגאַנגען גאַנץ גוט. אָבער איין פאָרפאַל האָט שוין דעמאָלסט מאָדנע געווירקט אויף מיר. מאַכנער האָט נעמלעך אַנגעגעבן, אַז בעזעל האָט אים געזאָלט האָבן געוואָרנט נישט אַנצוקניפּן אין לאָנדאָן קיין באַציונגען מיט קאָנראַד פרעליך, באַשר ער שטייט מיסתמא אין באַציונגען מיט אַ פרעמדער מלוכה. איך האָב שוין פריער איבערגעגעבן די פּרטים פונעם פאַרהעלטענישן צווישן פרעליכן און אונדזער גרופּע. ער האָט מיט דער גרופּע גופא נישט געהאַט די מינדסטע באַציונגען און ער פלעגט בלויז פון מיר איבערנעמען די מאַנוסקריפּטן. פאַר די אָפּגעדרוקטע בויגנס באַקומט ער דערנאָך אויסגעצאָלט דאָס געלט פאַר זיין אַרבעט. צי מאַכנער איז טאַקע באמת געוואָרנט געוואָרן פון בעזעלן וועגן פרעליכן אָדער צי האָט ער אַליין צוגעטראַכט די מעשה, דאָס האָט קיינער נישט געוווסט. דער יסוד פון דער גאַנצער שילדערונג מכוח זיין אַוואַנטורע איז געווען זיין אייגענע דערציילונג, וועגן וועמענס ריכטיקייט קיינער פון אונדז האָט נישט געצווייפלט.

לויט דער לאַגע פון די אומשטענדן זיינען מיר געווען געצוווּנגען צוצונעמען אונדזער אַרבעט פון פרעליכן. ס'איז מיר באמת נישט אָנגעקומען לייכט אים צו לאָזן וויסן וועגן דעם באַשלוס פון אונדזער גרופּע, מחמת ס'איז מיר גאָרנישט געווען צום האַרצן אָנצונעמען מיטלען קעגן אַ מענטשן אויפן סמך פון אַ בלויזן חשד, וועלכער איז נאָך דערצו געקומען פון אַ פאָרשטייער פון דער פּאָליציי. אָט־דעם באַנעם האָב איך אויך אַרויסגעלייגט פאַר דער גרופּע, אָבער היות אונדזערע ביכלעך האָבן געמוזט געקאָנט באַווייזן, אַז ער אַליין האָט אָנגעשריבן אָט־דעם אַרטיקל און הער בעזעל, וועלכער איז פאַרבעטן געוואָרן ווי אַן עדות, האָט אין אַלגעמיין געמוזט צוגעבן דעם אמת פון דער מעשה, איז לאַנדאַוער אין פעברואַר 1897 באַפרייט געוואָרן.

אַריינגעשמוגלט ווערן קיין דייטשלאַנד בסוד, האָבן די חברים געהאַלטן, אַז אונדזער אַרבעט וועט שטאַרק ליידן דערפון, אויב מ׳וועט אין דייטשלאַנד אַרויסברענגען דעם פאַקט, אַז פרעליך מאַכט נאָך אַלץ די דרוקאַרבעט פאַר אונדז. נו, קעגן אָט־דער מורא האָט מען גאָרנישט געקאָנט זאָגן.

פרעליך איז געווען שטאַרק ברוגז, הגם איך האָב געפּרוווט אים אויפצוקלערן די מאָטיוון פון דער גרופּע מיט די פּאַרזיכטיקסטע און אָפּגעהיטסטע ווערטער. ער האָט דעמאָלסט געלעבט אין זייערע אָרעמע באַדינגונגען און ער איז געווען אָנגעוויזן אויף יעדן שטיקל אַרבעט, אַזוי אַז איך האָב לייכט געקאָנט פאַרשטיין זיין לאַגע. איך בין נאָך היינט מיט דער מיינונג, אַז דער חשד קעגן אים איז בשום אופן נישט געווען באַרעכטיקט. ער איז געווען אַן אייגנאַרטיקער, צעטראָגענער מענטש און זיינע ליטעראַרישע נשמה־אויסגוסן זיינען טיילמאָל געווען שווידערלעך, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין סיבה פאַר זיין אומערלעכקייט. פרעליך האָט זיך זינט יאָרן צוריקגעצויגן פון דער באַוועגונג, ביז ער האָט זיך באַקענט מיט סטעפּאַנוס פּאַביאַנאָוויטש, וועלכער האָט אים באַוויגן ווידער אַרויסצוגעבן אַ קליין זשורנאַלעכל, די „לאָנדאָנער אַרבייטערצייטונג". ווי פּאַביאַנאָוויטש האָט מיר שפּעטער אַליין דערציילט, איז דער פאַרלייג געקומען פון אים און נישט פון פרעליכן. פרעליך האָט אַליין אָנגעשריבן, אַליין אויסגעזעצט און אַליין אָפּגעדרוקט דאָס בלעטל, אַזוי אַז ס׳האָט געקאָנט געמאַכט ווערן זייער ביליק, און פּאַביאַנאָוויטש האָט דערפאַר אוועקגעגעבן כימעט צוויי דריטל פון זיין אַרבעטסלוין. דאָס איז געווען אן אומבאַדייטנדיק בלעטל; אָבער קיין שום זאַך האָט נישט אָנגעוויזן אויף אַזעלכעס, וואָס זאָל קאָנען אַרויסרופן אַ חשד. דער פאַקט איז, אַז דאָס בלעטל איז תיכף אַראָפּ פונעם מאַרק, ווי נאָר פּאַביאַנאָוויטש איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע און ס׳איז אויסגעטריקנט געוואָרן די געלטקוואַל, וועלכעס וואָלט זיכער נישט געווען פּאַסירט, ווען די פּאָליציי וואָלט געשטאַנען הינטער דעם. פרעליך האָט דערנאָך ווידער געלעבט אינגאַנצן צוריקגעצויגן און נישט גענומען אפילו דעם קלענסטן אָנטייל אין דער באַוועגונג. אָבער נאָכדעם ווי די אַרויסגעבער פונעם „סאָציאַליסט", וועלכע האָבן דאָך וועגן די אַלע עיניינים נישט געקאָנט האָבן קיין שום ידיעה, האָבן געשענקט מאַכנערן דעם פולן צוטרוי און אים געגלייבט, איז שוין פאַר אונדזער גרופּע נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה, אויב זי האָט נישט געוואָלט שטעלן אין סכנה איר גאַנצע אַרבעט.

אָבער עס האָט לאַנג נישט געדויערט, ביז מאַכנערס אויפפיר האָט ביי אייניקע פון אונדז געווען די אויפמערקזאַמקייט. וואָס בעסער איך האָב אים דערקענט, אַלץ מער זיינען מיר אויפגעפאַלן געוויסע שטריכן ביי אים, וועלכע זיינען דווקא נישט געווען סימפּאַטיש. מאַכנער איז געווען אַ טרוקענער, פּעדאַנטישער מענטש, אַביסל פאַנאַטיש און דאָקטרינער געשטימט און זיך נישט געקווענקלט אויף גיך אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג וועגן מענטשן און זאַכן. קוים האָט ער אָנגענומען אַ באַשטימטע מיינונג, איז אַפילו די שאַרפסטע לאָגיק נישט געווען אימשטאַנד אים אָפּצורעדן פון איר; נאָך מער, — ער האָט אַפילו פּאַריבל געהאַט, ווען עמיצער האָט נישט געוואָלט אָננעמען זיין מיינונג. קיין שוטה איז ער דווקא נישט געווען, אָבער ער איז געווען אַזוי ענגבאַגרענעצט

אין זיין מיינונג, אַז ער האָט לגמרי נישט געהאַט די פעיקייט צו קענען אָפּשאַצן און רעספּעקטירן אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט. ווען ער האָט ביי די וועכנטלעכע דיסקוסיע־אָוונטן גענומען דאָס וואָרט, איז מיר ביי אים געווען אויפפאַלנדיק זיין באַשטענדיק סטערעאָטיפּיש שמייכעלע, וועלכעס פלעגט דווקא יאָ אַרויפלייגן דעם חותם פון אַ טיפּש אויף אים. דערצו איז ער נאָך געווען אַן אייביקער קריטיקער, וועלכער האָט געמאַכט צו קליינגעלט אַלעס, וועלכעס איז נישט געקומען פון זיין איניציאַטיוו.

אַ סברה, אַז זיין אַוואַנטורע מיט בעזעלן, וועלכע האָט אַזוי מיטאַמאָל באַקאַנט געמאַכט זיין נאָמען אין דער דייטשער פּרעסע, האָט אים פאַרדרייט דעם קאָפּ, מחמת ער האָט הנאה געהאַט זיך צו זען תמיד אין אַ וויכטיקער ראָל, וועלכע פלעגט צומאָלס אָננעמען גראָטעסקע פאָרמען. אַזוי זיינען מיר ביסלעכווייז געוווּיר געוואָרן, אַז ער פלעגט באַזוכן פאַרשידענערליי מענטשן, ביכדי ביי זיי צו באַקומען ידיעות וועגן געוויסע חברים. אגב פלעגט ער אויך מאַכן אַלערליי געהיימנישפולע אָנדייטונגען, גלייך ווי ס׳וואָלטן אים געווען באַקאַנט אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכע אונדזער שול־חכמה קאָן אפילו נישט חלומען, אָבער וועגן וועלכע ער מוז נאָך דערוויילע שווייגן.

איך האָב שוין פריער דערמאָנט, אַז די מיטגלידער פונעם „ק.אַ.ב.פּ.״ האָבן מיר פאַרגעבן די אַרבעט אָנצושרייבן אַ קליין ביכעלע וועגן געשיכטלעכע געשעענישן אין דער צייט פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל. מאַכנער איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן פּונקט דעמאָלסט, ווען איך האָב אָנגעהויבן סאָרטירן מיין מאַטעריאַל און אָנגעוואָרפן די סכעמע פון די ערשטע פינף קאַפּיטלעך פון מיין בוך. אין אַן אָוונט קומט ער צו מיר אין מיין וווינונג און פרעגט מיך, צי איך טראַכט אין מיין בוך אויך צו באַהאַנדלען די אינערלעכע מחלוקת אין דער עלטערער דייטשער באַוועגונג. איך האָב אים געענטפערט, אַז דידאָזיקע עינינים פּאַסן זיך נישט אַריין אין די ראָמען פון מיין בוך. ער אָבער האָט געהאַלטן, אַז אַזעלכע וויכטיקע געשעענישן אין דער אַלטער באַוועגונג טאָרן נישט אויסגעלאָזן ווערן און ער האָט מיר דערביי געגעבן אָנצוהערן, אַז ער קאָן מיר שטאַרק צונוצקומען. אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער, ביז ער האָט מיר לסוף געזאָגט, אַז נאָך דעם אַלעם, וואָס ער איז געוווּיר געוואָרן וועגן יענע מחלוקת, איז ער זיכער, אַז יאָזעף פּויקערט און וויקטאָר דאַוו זיינען געווען געהיימע פּאָליציי־אַגענטן און אַז דאַוו האָט, לויט זיין מיינונג, געאַרבעט פאַר דער דייטשער און פראַנצויזישער פּאָליציי, בעת פּויקערט איז געשטאַנען אין דינסט פון דער עסטרייכישער רעגירונג.

לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז אפשר האָב איך אים נישט ווי געהעריק פאַר־שטאַנען. כ׳האָב אָבער באַלד איינגעזען, אַז ס׳קאָן גאָרנישט זיין קיין רייד וועגן אַ מיספאַרשטענדעניש. איך האָב אים דעריבער געפרעגט, וועלכע באַווייזן ער קאָן אַרויסברענגען פאַר זיין השערה. האָט ער מיר געענטפערט, אַז היינט איז פאַר יעדן מענטשן מיט אַ גראַדן שכל קלאָר, אַז נישט קיין אַנדערער ווי נאָר פּויקערט האָט אַרויסגעגעבן דזשאָן נעווען צו דער פּאָליציי. און וואָס שייך ווידער דאַוון, איז ער פעסט איבערצייגט אין דעם, אַז בשעת ער איז אָפּגעקומען זיין תפיסה־שטראָף אין האַללע, האָט אים די פּאָליציי געמאַכט דעמזעלביקן אָנבאָט, וואָס בעזעל האָט געמאַכט אים, מאַכנערן. דאַוועס גאַנצער שפּעטערדיקער אויפפיר איז אַ מאָטיו פאַרן חשד,

אַז ער האָט אָנגענומען דער פּאָליצייס פּאָרלייג און אַז נאָך דער באַפרייונג האָט ער טאַקע אַקטואירט אין דעם זין. דעמאָלסט איז מיר צום ערשטן מאָל אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז מיט מאַכנערן איז עפּעס דער מער, מחמת נאָר אַ משוגענער קאָן אויסוואַרעמען אַזעלכע זאַכן.

אָבער דאָס איז ערשט געווען דער אָנהויב. אַ שטיקל צייט נאָכדעם האָט ער מיך ווידער באַזוכט און מיר געשטעלט אַלערליי כיטרע־פּאַרלאָקנדיקע שאלות וועגן דעם פריערדיקן לעבן פון ווילהעלם ווערנער, אַלבין ראָמאַן און רודאָלף לאַנגע. זיין גאַנ־צער אויפפיר האָט מיר אָנגעוויזן, אַז עפּעס איז ער דאָ אויסן, צו עפּעס צילט ער. מיר אַלע האָבן אים אינצווישנצייט אַביסל בעסער דערקענט און מיר האָבן געוווסט, אַז אָט־דאָס קליינע אומבאַדייטנדיקע מענטשעלע מיט די אַביסל טאַמעוואַטע אויגן איז פעיק צו אַלערליי יעזואיטישע שטיק. דאָס איז אויך געווען די סיבה, פאַרוואָס ס׳איז צווישן אים און אייניקע חברים שוין אַנטשטאַנען אַ געוויסע קאַלטקייט, וועגן וועלכער דער רוב איז נאָך נישט געווען קלאָר ביי זיך. מיט מיר איז אויך געווען דאָס נעמלעכע. ווען ער האָט מיך גענומען אויספרעגן אויף אַזאַ אומפאַרהוילענעם אופן וועגן מענטשן, פאַר וועלכע איך האָב געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ סיי ווי פריינט און סיי ווי מענטשן, האָב איך אים תיכף גאַנץ אָפן געפרעגט, וואָס ער איז אויסן מיט זיינע לעכערלעכע שטיק. האָט ער מיר דערויף געענטפערט, אַז ער איז געוווּיר געוואָרן, אַז ווערנער איז נאָך זיין אָנקומען קיין לאָנדאָן אַ גאַנץ יאָר צייט אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט. ער מיינט נישט דעריבער אויף אים עפּעס צו זאָגן, אָבער אַ גוטער חבר מוז זיך דאָך שטעלן די פראַגע, ווי אַזוי מ׳קאָן לעבן אַזאַ לאַנגע צייט אָן אַ באַשטימטער הכנסה.

נו, דאָס איז שוין פאַר מיר געווען צופיל. איך בין געוואָרן גראַב און אים געזאָגט, אַז ער זאָל גיין צום טייוול און מיך אויף ווייטער נישט באַלעסטיקן מיט זיין גע־זעלשאַפט. ער האָט נאָך געפּרוּווט אָפּצווענדן, אָבער איך האָב אים פּשוט געוויזן די טיר. איז ער אַוועק. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב צו אים גערעדט. איך פלעג אים אפילו פון צייט צו צייט באַגעגענען ביי די פאַרזאַמלונגען פונעם פאַריין, אָבער פערזענלעך האָב איך מיט אים מער נישט געהאַט קיין שייכות.

אַזוי זיינען אַוועק אייניקע חדשים. איך האָב דעמאָלסט באַקומען אַ שטעלע אין אַ קליין וואַרשטאַטל, וועמעס באַלעבאָס האָט צווישן אַנדערע זאַכן אויך אויסגע־אַרבעט גאַלאַנטעריע־אַרטיקלען פאַר אַ פירמע אין ברייטאָן. די אַרבעט איז געווען בלויז אויף עטלעכע חדשים, מחמת ס׳איז געווען אַ סעזאָן־אַרבעט, ביי וועלכער מען האָט אָפּט געמוזט אַרבעטן ביז צען און עלף אַזייגער ביינאַכט, אָבער נאָך די ווייַ־נאַכטן איז שוין לגמרי גאָרנישט געווען וואָס צו טאָן. איך בין געווען דער איינצי־קער צוהעלפער; דער באַלעבאָס און זיין פרוי האָבן אויך געאַרבעט. די אַרבעט איז נישט געווען קיין לייכטע, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין איינגעשטעלטע אַרבעטס־צייט, אָבער זי איז גאַנץ גוט באַצאָלט געוואָרן. אין אַ געוויסן טאָג האָט דער באַלע־באָס באַקומען עטלעכע אַנאָנימע שורות, אין וועלכע ס׳האָט זיך געזאָגט, אַז ער האַלט ביי זיך אַ געפערלעכן אַנאַרכיסט און אַז דאָס קאָן זיינע קליענטן אין ברייטאָן

נישט זיין גלייכגילטיק, ווען זיי וועלן זיך וועגן דעם דערוויסן. דער באַלעבאָס האָט מיר געגעבן דעם בריוו און געזאָגט שמייכלענדיק, איך זאָל אים אַריינשטעלן אין אַ רעמל. ער איז געווען אַן אַלטער סאָציאַלדעמאָקראַט, וועמען מיין אידעאָלאָגיע איז געווען גוט באַקאַנט, מחמת ער האָט מיך געקענט נאָך פון פריער און איז אפילו געווען ביי אייניקע פון מיינע רעפעראַטן. דער בריוו איז באַשטאַנען פון פיר אָדער פינף שורות און איז געווען אָנגעשריבן אין אַ פעלערהאַפטיקן דייטש. דער פּרט, וואָס דער שרייבער האָט דאָס וואָרט Brighton אָנגעשריבן Briton, האָט אויך געלאָזט זיך משער זיין, אַז ער האָט נישט קיין באַגריף נישט וועגן דער ענגלישער שפּראַך און נאָך ווייניקער וועגן געאָגראַפיע.

נאַטירלעך, אַז איך האָב אייניקע חברים איבערגעגעבן וועגן יענעם בריוו, וועלכן איך האָב, אגב, נישט צוגעגעבן דעם מינדסטן באַדייט, מחמת ער האָט דאָך זיין צוועק בשום אופן נישט געקאָנט דערגרייכן. אַ געוויסע צייט שפּעטער איז געקומען צו מיר אַ מיטגליד פון אונדזער פּאַריין, אַ געוויסער יאַגאַרט, און ביי מיר געבעטן דעם בריוו אויף עטלעכע טעג, ווייל ער האָט אַ חשד, ווי ער האָט געזאָגט, אויף אַ פריערדיקן אַרבעטער פון מיין באַלעבאָס, אַז ער זאָל האָבן געשריבן דעם בריוו. איך האָב אים געגעבן דאָס שטיקל אשר־יצר־פּאַפּיר און אַזוי ווי איך האָב אין יענער צייט געמוזט אַרבעטן ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, בין איך בלויז זעלטן־ווען געקומען אין קלוב און איך האָב אינעם גאַנצן עינין כימעט פאַרגעסן.

נו, איז אין אַ געוויסן טאָג געקומען צו מיר רודאָלף לאַנגע און מיר דערציילט אַן אויסטערלישע מעשה, וועלכע האָט זיך מיר לכתחילה אויסגעוויזן שטאַרק אומגלויב־לעך. לויט זיין שילדערונג האָבן מאַכנער און אַ געוויסער האַנס ריפּפּער מיט עטלעכע וואָכן צוריק פאַרבעטן אַכט אָדער צען חברים, צווישן זיי צוויי מיטגלידער פון אונ־דזער פאַרלאַגס־גרופּע, צו אַ וויכטיקער באַראַטונג, ביי וואָס ס׳איז יעדן איינעם אָנגעזאָגט געוואָרן צו האַלטן דעם עינין שטאַרק בסוד. די צונויפפּרופער פון יענעם סודותדיקן צונויפקום האָבן דאָרט דערקלערט, אַז זיי און אייניקע אַנדערע חברים איז די מעשה מיט יענעם בריוו צו מיין באַלעבאָס פון אָנהויב אָן געווען פאַרדעכטיק, מחמת פאַרשידענע אומשטענדן האָבן אָנגעוויזן אויף דעם, אַז איך אַליין האָב דאָס אָנגעשריבן דעם בריוו. ביכדי צו זיין גאַנץ זיכער, האָט מען געפּרווט צו באַקומען יענעם בריוו אין די הענט אַריין און מ׳האָט אים צוזאַמען מיט אַ מוסטער פון מיין האַנטשריפט איבערגעגעבן צו דער באַטראַכטונג פון אַן עקספּערט, וועלכער האָט אָפּגעגעבן די שריפטלעכע דערקלערונג, אַז ביידע שריפטמוסטערן זיינען געשריבן געוואָרן פון דערזעלביקער האַנט. היות מ׳האָט אָבער נישט געקאָנט וויסן, וועלכע מאָטיוון ס׳האָבן מיך באַוויגן צו אָט־דעם שריט, וואָלט מען אומבאַדינגט געדאַרפט אָננעמען מיטלען, אַז ס׳זאָל פון מיר צוגענומען ווערן דער ווייטערדיקער אָנפיר מיט די שריפטלעכע באַציונגען מיט די חברים אין דייטשלאַנד און די געהיימע צעשיקונג פון אונדזערע בראָשורן, ביכדי די דאָרטיקע חברים אויסצוהיטן פון דער מעגלעכקייט פון אַ גרויסער סכנה. אַזוי ווי מ׳האָט זיך אָבער דעמאָלסט נישט געקאָנט אייניקן, האָט מען באַשלאָסן אויפן זעלביקן סודותדיקן אופן, ד״ה הינטער מיין רוקן, צו רופן

אַ צווייטע אסיפה, צו וועלכער ס'זאָלן צוגעצויגן ווערן מער חברים, ביכדי מיט זיי אַרומצורעדן וועגן ווייטערדיקע שריט. צו אָט־דער צווייטער אסיפה זיינען פאַרבעטן געוואָרן בערך פופצן ביז צוואַנציק חברים, צווישן זיי אויך רודאָלף לאַנגע, הגם מאַכנער האָט זיך דווקא אַרויסגעשטעלט קעגן דעם פאַרבעטן לאַנגען, וואָס דאָס איז אים אָבער נישט געלונגען.

ביי יענער פאַרזאַמלונג איז עס געקומען צו שטאַרקע חילוקי־דעות, ביפרט ווען מ'האָט געפרווווט אַרויסצובערענגען קעגן מיר נאָך אַנדערע פאַרדאַכטסמאָמענטן חוץ דעם עינין פונעם בריוו. אַזוי האָט האַנס ריפּפּער גאַנץ אומפאַרשעמט דערקלערט, אַז ס'איז נאָך לגמרי נישט זיכער, אַז איך האָב אינדעראמתן אָפּגעשיקט דאָס געלט, וועלכעס איז מיר בשעתו איבערגעגעבן געוואָרן פאַר דער אונטערשטיצונג פון די שפּאַנישע חברים. ס'איז אמת, אַז איך האָב דעם „ק. א. ב. פ.‟ איבערגעגעבן אַ קבלה אין דער שפּאַנישער שפּראַך, אָבער זי האָט דאָך אויך געקאָנט האָבן געווען אַ גע־פעלשטע. האָט דעמאָלט לאַנגע געפאָדערט, אַז מ'זאָל איבערגעבן צוויי אָדער דריי חברים זיך צו זען מיט מאַלאַטעסטאַן, ביכדי צו הערן זיין מיינונג וועגן דעם עינין.*)

אַזוי ווי מ'האָט אויך ביי אָט־דער פאַרזאַמלונג נישט געקאָנט דערגיין צו קיין טאָלק, האָט לסוף ריפּפּער פאַרגעלייגט אָפּצולייגן די פאַרזאַמלונג און אַלע פאַרזאַ־מלטע פאַרפליכטן צו שווייגן. האָט אויף דעם דערקלערט לאַנגע, אַז ער פון זיין זייט איז זיך צו גאָרנישט מתחייב און אַז ער וועט מיר איבערגעבן אַלץ, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. ס'איז פשוט אומפאַראַנטוואָרטלעך צו באַשמוצן אויף אַזאַ אופן דעם גוטן נאָמען פון אַ חבר און אים אפילו וועגן גאָרנישט לאָזן וויסן. אויב ס'איז פאַראַן קעגן מיר עפּעס אַ חשד, האָט מען מיך געדאַרפט רופן און מיט מיר רעדן וועגן דעם, און נישט באַדאַרפן פאַרשפּרייטן אַלערליי טונקעלע קלאַנגען, פאַר ווע־מעס ריכטיקייט קיינער קאָן נישט ברענגען קיין שום באַוויז. האָט מען לסוף געמוזט אָננעמען, צו רופן אַ נייע פאַרזאַמלונג, פאַר וועלכער איך זאָל זיך פאַר־ענטפערן.

ווען רודאָלף לאַנגע האָט מיר דערציילט יענע אומגלויבלעכע מעשה, האָב איך געפילט, ווי עמעץ וואָלט מיר פּלוצלינג דערלאַנגט איבערן קאָפּ. דער עינין איז, אינדעראמתן, געווען אַזוי מאָנסטרועז, אַז איך האָב זיך פשוט נישט געקאָנט פאָר־שטעלן, ווי אַזוי שכלדיקע מענטשן קאָנען דערגיין צו אַזעלכע געדאַנקען. וועלכע סיבות האָבן מיך געקאָנט באַוועגן צו שרייבן אַזאַ בריוו? ביכדי זיך אַליין מאַכן פאַרלירן די אַרבעט, וועלכע איך האָב זיך אַליין אויסגעזוכט? אָבער ווען אפילו איך זאָל יענץ אשר־יצר־פּאַפּירל צוליב וועלכער־ס'איז סיבה יאָ געווען האָבן גע־שריבן, — וואָס וואָלט פון דעם באַוויזן געוואָרן? שוין דער פאַקט, וואָס יענער

---

*) אַזוי איז עס טאַקע געווען. מאַלאַטעסטאַ האָט די שליחים פון יענער פאַרזאַמלונג גע־וויזן אַ בריוו פון ערנעסטאָ אַלוואַרעס פון מאַדריד, פון וועלכן ס'איז אַרויסגעקומען אָן יעדן ספק, אַז ער האָט דאָס געלט פון מיר באַקומען. פונדעסטוועגן איז אויך שפּעטער פאַרשפּרייט געוואָרן דער קלאַנג, אַז עפּעס איז מיט יענעם געלט נישט געווען אין אָרדענונג און מאַכנער האָט אפילו געהאַט די העזה צו שטעלן אין ספק מאַלאַטעסטאַס גלויבנסווערטיקייט.

בריוו איז אַכט אָדער ניין וואָכן לאַנג געווען אין מיין רשות, איידער איך האָב אים אַוועקגעגעבן, האָט יעדן פאַרשטענדיקן מענטשן געמוזט איבערצייגן, אַז ווען איך אַליין וואָלט אים געווען געהאַט געשריבן און מיט אים אויסן געווען עפּעס אַן אומריינעם צוועק, וואָלט עס דאָך זיכער געווען אַ געוואַלטיקע נאַרישקייט אים איבערצוגעבן עמיצן, אָנשטאָט אים צו צעשטערן. וואָס מער איך האָב נאָכגעטראַכט וועגן דעם עיניין, אַלץ ביטערער איז מיר געוואָרן אויפן האַרצן. איך האָב אַוועקגעגעבן דער באַוועגונג מיינע בעסטע כוחות און נישט געהאַט דערפון אפילו דעם מינדסטן פּערזענלעכן ניצן. נישט נאָר האָב איך געמאַכט די איבערזעצונג פונעם ווערק, וועלכעס אונדזער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן, איך האָב אויך געפירט די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ מיט די חברים אין דייטשלאַנד און באַזאָרגט דעם שמוגל ביי דער גרענעץ. ווי נאָר ס׳איז אַרויס אַ ביכעלע, איז דער גרעסטער טייל פון דער אויפלאַגע געשיקט געוואָרן קיין באַזעל, ווו מיין פריינט זשאַן העפּנער פון מאַינץ האָט זי מיט דער הילף פון אַ שווייצאַרישן חבר אַריבערגעפירט איבער דער דייטשער גרענעץ און פונאַנדערגעשיקט אין די פאַרשידענע שטעט. אין משך פון דער גאַנצער צייט פון מיין טעטיקייט איז קיינער נישט אַרעסטירט געוואָרן און ס׳האָט גאָרנישט פּאַסירט, וואָס זאָל געווען קאָנען באַטראַכט ווערן ווי אַ סיבה פאַר אַ חשד.

ווי אַזוי־זשע מעג מען זיך דאָס פאַרנעמען צו פאַרשפרייטן הינטער מיין רוקן חשדים, קעגן וועלכע איך קאָן זיך נישט פאַרטיידיקן, מחמת קעגן אומקאָנטראָלירטע קלאַנגען און בילבולים איז ביכלל נישט פאַראַן קיין פאַרטיידיקונג! אָבער קודם־כל האָב איך געפילט, אַז איך וועל מער נישט קאָנען צוזאַמענאַרבעטן מיט מענטשן, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אויסנוצן, ווען אפילו אפשר קעגן זייער אייגענעם ווילן, פון עטלעכע אומפאַראַנטוואָרטלעכע קליינקעפּלדיקע פאַרשוינען, און צו לאָזן דערפירן צו השערות, פאַר וועלכע ס׳זיינען נישט געווען אפילו די מינדסטע באַגרינדונגען. צום שטאַרקסטן האָט מיר וויי געטאָן דאָס, וואָס ס׳זיינען אין אָט־דער פוסטער באָווע־מעשה אַריינגעצויגן געוואָרן אַ היפּשע צאָל חברים, מיט וועמען איך האָב ביז דעמאָלט געאַרבעט אין דער בעסטער האַרמאָניע און וועלכע איך האָב אויך רעספּעקטירט ווי מענטשן. טיילוויז בין איך אַליין געווען שולדיק אין דעם. היינט באַגרייף איך דאָס; דעמאָלט אָבער, אונטערן אוממיטלבאַרן איינדרוק פון יענע געשעענישן, האָב איך געטראַכט גאַנץ אַנדערש.

ווען ס׳איז מיר געמאָלדן געוואָרן דורך דער פּאָסט צו קומען צו יענער דרייטער אסיפה, האָב איך פון אָנהויב נישט געוווסט, ווי אַזוי אויף דעם צו רעאַגירן. זאָל איך אַהינגיין, אויסהערן, וואָס מ׳האָט קעגן מיר אַרויסצוברענגען און נאָכדעם מיינע אַזויגערופענע אָנקלאָגערס זאָגן אָפן אין פּנים אַריין, וואָס איך האַלט וועגן זיי? דאָס וואָלט נאָך אַלעמען אפשר געהאַט געווען דאָס בעסטע און ס׳איז מעגלעך, אַז דערמיט וואָלט איך זיך געווען פאַרשפּאָרט אַ סך ביטערע צרות. אָבער מיין זעלבסטווירדע האָט זיך געבונטעוועט קעגן אַזאַ פאַרלאַנג. ווייל איינדערעמתן: פאַרוואָס זאָל איך זיך פאַרענטפערן פאַר מענטשן, וועלכע האָבן פון זיבט חדשים שוין, בעת איך האָב אפילו נישט געהאַט די מינדסטע ידיעה וועגן דעם, פאַרשפּרייט

קעגן מיר די חשדים, און זיי וואָלטן מיך אויך צו דער איצטיקער זיצונג נישט געווען פאַרבעטן, ווען רודאָלף לאַנגעס שטעלונג וואָלט זיי דירעקט נישט געווען געצוווּנגען דערצו? מיין גאַנצער יושר־געפיל האָט זיך געבונטעוועט קעגן דעם. איך האָב דעריבער פאָרמולירט אַלעס, וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגן, אין אַ קורצער שריפט און דערביי נישט פאַרהוילן מיינע געפילן. מיין אָפּזאָג איז געווען אַ שאַרפער און פאָרמולירט אין אַ לשון, וועלכעס קיינער האָט נישט געקאָנט אויסטייטשן אָדער פאַרשטיין פאַלש. איך האָב דערקלערט, אַז לגבי מענטשן, וועלכע האָבן אויף אַזאַ שענדלעכן אופן געטראָטן מיט די פיס יעדעס געפיל פון יושר און רעכט, וואַרף איך אָפּ יעדן דורכשמועס מיט זיי און פאָדער זיי, אגב, אויף אַרויסצוקומען מיט די סיבות פון זייער חשד אין דער עפנטלעכקייט און איך וועל זיי אין דעם פאַל זיכער נישט שולדיק בלייבן קיין ענטפער.

יעדער איינער, וועלכער איז אימשטאַנד זיך אַוועקצושטעלן אין מיין לאַגע און צו פאַרשטיין מיין דעמאָלטיקע געמיטשטימונג, וועט זיכער פאַרשטיין און באַגרייפן מיין אויפפיר. פונדעסטוועגן איז עס פאַר מיר נאָך היינט אויך גאַנץ קלאָר, אַז דער שאַרפער טאָן פון מיין שרייבן איז פאַר אַ סך, וועלכע וואָלטן זיך געווען געשטעלט אויף מיין זייט, געווען ווי אַ זעץ איבערן קאָפּ. אָבער וועגן דעם האָב איך דעמאָלט נישט געטראַכט. איך האָב זיך געפילט טיף דערנידעריקט און אַרויסגעשטעלט צו עפנטלעכער שאַנד און נישט געהאַט קיין חשק אָנצוהאַלטן ווייטערדיקע באַציונגען מיט מענטשן, וועלכע איך וואָלט געפילט אויף זיך ווי אַ מאָראַלישע לאַסט. זיכער, מיינע אַלטע פריינט ווערנער, גונדערזען, צאַקזאַנאָוו, הייליגענשטיין, לאַנגע און בערך צוואַנציק ביז דרייסיק אַנדערע זיינען געשטאַנען געטריי אויף מיין זייט. אייניקע פון זיי האָבן אפילו פאַרלאַנגט פון מיר צו שאַפן אַ נייע גרופּע. אָבער פאַר מיר איז דאָס אַלעס שוין געווען צו פיל. האָב איך דאָך צו גוט געוווּסט, אַז אין דעם פאַל וועט זיך מוזן צעפלאַקערן אַ נייע אינערלעכע מחלוקה, וועלכע וועט צעפרעסן אַלע אונדזערע כוחות און מער נישט דערלאָזן טאָן קיין ערנסטע אַרבעט. איך וואָלט דערמיט נישט געהאָלפן געוואָרן און די באַוועגונג — אוודאי נישט.

מיין בריוו האָט טאַקע געהאַט די ווירקונג, וועלכע איך האָב געהאַט פאַרויסגעזען. עס פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט זיך געהיט אַרויסצוברענגען דעם עינין אין דער עפנטלעכקייט, מחמת סוף כל סוף האָט דאָך אפילו אַ בלינדער געמוזט איינזען, אַז מיט אַזאַ אָנקלאַג־מאַטעריאַל קאָן מען גאָרנישט טאָן און מיין ענטפער און דער ענטפער פון אַנדערע חברים וואָלט אַרויסגעשטעלט אין אַ גאָרנישט פויגלדיקן ליכט די אָנקלאָגערס. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט, אַז מ׳זאָל נאָכדעם ערשט אויפסניי מיט אימפּעט נעמען פאַרשפּרייטן די אַוואַנטוריסטישסטע קלאַנגען און בילבולים וועגן מיר. ס׳ווילט זיך צומאָלס נישט גלייבן, אַז ס׳איז מעגלעך, מענטשן זאָלן זיין אַזוי האַרטנעקיק און איינגעשפּאַרט אין אַזעלכע עינינים.

בערך אַ יאָר צייט נאָך יענע חרפּהדיקע פּאַסירונגען, ווען איך בין אַרויסגעשטעלט געוואָרן ווי איינער פון די רעדנער פון איינער פון די יערלעכע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונגען אין געדעכעניש פון דער פּאַריזער קאָמונע, האָט דער־

זעלביקער האַנס ריפּפּער, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק צוגעהאָלפן ביים אַרויסברענגען יענע אומזיניקע מחלוקה, געהאַט די חוצפה צוצושיקן צום פּאָרזיצער פון יענער פּאַרזאַמלונג, מיין ענגלישן פריינט דזשאָן טאָרנער, אַ צעטעלע, אין וועלכן ער האָט אים געוואָרנט מיר נישט צו געבן דאָס וואָרט, אויב ער וויל אויסמיידן די אויפרייסונג פון דער פּאַרזאַמלונג. נאַטירלעך האָט זיך טאָרנער, וועלכער איז שוין פון פריער געווען אינפאָרמירט דורך מאַלאַטעסטאַן און אַנדערע וועגן יענע פּאַסירונגען, נישט געלאָזט אָפּשרעקן דורך אָט־דער דראָונג; עס האָט אָבער געוויזן, ביז צו וועלכער מדרגה ס׳קאָן דערגיין בלינדע שינאה און פאַנאַטישע קליינקעפּלדיקייט. און ווי אומגלייבלעך דאָס זאָל זיך עמיצן אויסווייזן, איז עס אָבער דער אמת, אַז דערזעלביקער האַנס ריפּפּער האָט אפילו מיט פינפאונדרייסיק יאָר שפּעטער אין בערלין געפּרוווט באַנייס צעבלאָזן אָט־די אַלטע קוילן, וואָס איז אים, פאַרשטייט זיך, נישט געלונגען.

יענע טרויעריקע געשעענישן האָבן מיר דעמאָלט פאַרשאַפט נישט איין ביטערע שעה. קעגן אַזעלכע פאַרלוימדונגען און רכילות פון באַהעלטעניש אַפיר איז נישט מעגלעך קיין פאַרטיידיקונג, מחמת מ׳ווייסט קיינמאָל נישט, פונוואַנען זיי קומען. זיי וואַקסן ווי ווילדגראָז און געדייען אומעטום. איך האָב זיך אָפט געפונען אין אַ צושטאַנד, וועלכער לאָזט זיך שווער באַשרייבן און נישט איינמאָל איז ביי מיר אויפגעקומען דער געדאַנק, זיך צוריקצוציען פון יעדער ווייטערדיקער טעטיקייט. אָבער איך בין פון זינט מיין פריסטער יוגנט געווען אַזוי ענג צונויפגעוואַקסן מיט דער באַוועגונג, אַז איך האָב עס נישט געקאָנט פועלן ביי זיך. ס׳איז מיר אויך געווען דערווידער דער געדאַנק, צו לאָזן פריי דאָס פעלד פאַר מענטשן, וועלכע זיינען באַגאַנגען קעגן מיר אַזויפיל אומרעכט אָן יעדע באַרעכטיקטע און פאַקטישע מאָטיוון. האָב איך דעריבער אויסגעהאַלטן. אָבער ס׳איז נייטיק געווען צו האָבן אַ סך ווילנסקראַפט, כדי צו קענען גובר זיין אַזעלכע זאַכן. ס׳איז אמת, אַז איך האָב שפּעטער געהאַט די סאַטיספאַקציע, וואָס אַלע מיינע דעמאָלטדיקע קעגנער, חוץ ריפּפּער און צוויי אָדער דריי פון זיין סאָרט, האָבן שפּעטער איינגעזען זייער אומרעכט און זיך אַליין געקומען מיט מיר איבערבעטן. אָבער אינצווישנצייט זיינען אַריבער יאָרן און די אַלטע וווּנדן האָבן פריער געמוזט פאַרטריקנט ווערן, ביז מיר האָבן באַנייס געקאָנט אַרבעטן צוזאַמען.

אָבער ווען אפילו איך האָב באַוויזן צו באַשיצן מיין גוטן נאָמען און די אַנדערע ביסלעכווייז צווינגען צו שווייגן, האָט מען דאָך אָבער נישט געקאָנט אויסהיטן די דייטשע באַוועגונג אין לאָנדאָן פונעם נייעם צוזאַמענבראַך, ווי א פועל־יוצא פון יענע העסלעכע פּאַסירונגען. אונדזער פאַרלאַגס־גרופּע האָט נאָך אייניקע חדשים אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט און דאָס ווערק, וועלכעס מיר האָבן אָנגעהויבן דרוקן, איז געבליבן אומפאַרענדיקט. איך האָב איבערגעגעבן אַ צוטרוילעכן חבר פון דער גרופּע אַלע מיינע פאַרבינדונגען און דעם מאַנוסקריפּט פאַר די ווייטערדיקע צוויי ביכעלעך. אָט־די צוויי בויגנס זיינען טאַקע אַרויס, אָבער זיי זיינען געווען דער סוף. אויך דער נייער קלוב אין טשאַרלאָט־סטריט האָט שפּעטער געמוזט אויפגעגעבן

ווערן, מחמת אַ סך חברים האָבן זיך צוריקגעצויגן, ווייל ס'האָט זיי אָפּגעעקלט פון די באַשטענדיקע אינטריגעס.

אָבער טעאָדאָר מאַכנער איז גאָר אינגיכן געווען אַ קרבן פון זיין אייגענעם גורל. אין זיין קראַנקהאפטער פּאַרפאַלג־מאַנקאַליע האָט ער כּימעט יעדן איינעם חושד געווען ווי אַ פּאָליציישפּיצל, ביז מ'האָט אים אין אַ שיינעם טאָג באַזייטיקט. ער איז זינט דעמאָלט לגמרי פאַרשוווּנדן פון דער באַוועגונג און מ'האָט מער גאָר־נישט געהערט פון אים.

וועגן דעמדאָזיקן אויסטערלישן מענטשן איז געבליבן עפּעס אַן אומאויפגעקלער־טער נאָך־טעם. איניקע פון מיינע אַלטע פריינט, אַזעלכע ווי ווילהעלם ווערנער און רודאָלף לאַנגע, האָבן אפילו שפּעטער געגומען צווייפלען, צי די מעשה, וועלכע מאַכנער האָט איבערגעגעבן וועגן זיינע אַוואַנטורעס מיטן פּאָליצייקאָמיסאַר בעזעל, איז טאַקע געווען אַן אמתע. ווען גוסטאַוו לאַנדאַוער איז מיט איניקע יאָר שפּעטער געקומען קיין לאָנדאָן אויף איניקע חדשים, כּיכדי זיך אָפּצוגעבן מיט זיינע היס־טאָרישע פאָרשאַרבעטן אין דער ביבליאָטעק פונעם בריטישן מוזעום, האָב איך און ווערנער איינמאָל גערעדט מיט אים וועגן יענעם עינין. לאַנדאַוער איז נאָך דעמאָלט געווען ביי דער מיינונג, אַז מאַכנער האָט אים געהאַט געזאָגט דעם אמת, אָבער זיין מיינונג וועגן מאַכנערן ווי אַ מענטש האָט זיך שטאַרק געענדערט. ער האָט אים באַטראַכט ווי אַ מענטש, וועלכער האָט פאַרלוירן דעם גייסטיקן גלייכ־געוויכט, אַזוי אַז אויפן סמך פון זיינע איבערלעבענישן מיט בעזעלן האָט ער זיך געהאַלטן ווי ראָוי צו שפּילן די ראָל פון אַ שערלאָק האָלמעס און יעדן איינעם חושד זיין. דאָס האָט אויסגעזען זייער וואָרשיינלעך. זיכער איז, אַז מאַכנער איז געווען אַ באַשרענקטער און פאַרביטערטער מענטש און ס'איז מיסתמא אמת, אַז ווען ער איז אָנגעקומען צו אונדז קיין לאָנדאָן, איז ער שוין נישט געווען מיט אַלעמען.

אַ סך פון מיינע לייענער, וועלכע האָבן אַליין נישט דורכגעלעבט יענע צייט, וועלן מיסתמא קוים קאָנען פאַרשטיין יענע אויסטערלישע געשעענישן, וועגן וועל־כע מיר רעדן דאָ. כּיכדי דאָס בעסער צו פאַרשטיין, מוז דעריבער געזאָגט ווערן, אַז דווקא צווישן די דייטשע פּליטים האָט תמיד געהערשט אַזאַ מין מורא פאַר שפּיאָנען, אַ מורא, וועלכע האָט זיך לייכט געקאָנט פאַרוואַנדלען אין אַ חשד. האָבן אפילו די סיבות געמעגט זיין די אומהאַפּטיקסטע. טיילווייז זיינען אין אָט־דעם אומצוטרוי געווען שולדיק די לאַנגע יאָרן פונעם סאָציאַליסטן־געזעץ אין דייטשלאַנד. נישט איין טונקעלער פאַרשוין פלעגט זיך דעמאָלט אַריינשמוגלען אין דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג, אַזוי אַז אַ חשד איז נישט תמיד געווען אומבאַגרינדעט. אַזוי איז בערך דריי אָדער פיר חדשים פאַר די געשעענישן, וועלכע ווערן דאָ באַ־שריבן, אַ געוויסער היינריך קראַפּט אויפגעדעקט געוואָרן ווי אַ פּאָליצייאישער שפּיאָן דורך ווילהעלם ווערנער און ערנסט זיממערלינג. 17 יאָר איז קראַפּט געווען אַ מיטגליד אינעם „ק.אַ.ב.פ." און מ'האָט אים פאַרן משך פון דער גאַנצער צייט נישט חושד געווען. צי ער איז געווען אַ שפּיאָן די גאַנצע צייט אָדער ער איז ערשט שפּעטער אַריבער צו דער פּאָליציי, האָט מען נישט געקאָנט געוויר ווערן. נאָכדעם

ווי ער האָט באַקומען אַ גוטע פּאַרציע קלעפּ, איז ער שפּורלאָז פאַרשוווּנדן פון לאָנדאָן. זיין אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט דער פּאָליציי רעגל־מעסיק איבערגעשיקט ידיעות וועגן אַלץ, וואָס ווערט געטאָן אינעם פאַריין.

אָן אַנדערע פלאַנץ פונעם זעלביקן סאָרט איז געווען דער פאָטאָגראַף עמיל ווערנער, וועלכער האָט געהאַט אַ געשעפט אין טאָטענהאַם קורט ראָוד און אויך אין משך פון אַ סך יאָרן געווען אַ מיטגליד פונעם פאַריין*). שוין אין דער צייט, ווען איך בין געקומען קיין לאָנדאָן, האָבן אייניקע חברים געהאַט אויף אים אַ חשד. אַזוי האָט מיך דער חבר וויבלער געוואָרנט וועגן אים באַלד אין דער ערשטער וואָך פון מיין זיין אין לאָנדאָן, ווען ער האָט באַמערקט, אַז ווערנער זוכט זיך צו דער־נעענטערן צו מיר. אָבער אַזוי ווי מ'האָט קעגן אים נישט געהאַט קיין באַווייזן, האָט מען אים נישט געקאָנט באַשולדיקן. אַזוי ווי ער האָט געוווּסט, אַז איך פאַרנעם זיך מיטן אָפּשיקן אונדזערע ביכלעך קיין דייטשלאַנד און עסטרייך, האָט ער אויך שפּעטערצו געפּרוּווט זיך צו מיר צו דערנענטערן. אָבער איך האָב אים באַהאַנדלט זייער קאַלט און אים געלאָזט פילן, אַז זיינע וויזיטן זיינען פאַר מיר נישט גע־וווּנטשן. ווען ס'איז דערנאָך אויסגעבראָכן די מחלוקה וועגן מיר, האָט ער זיך אַרויסגעשטעלט מיט אַ באַזונדערער שינאה צו מיר און געלאָזט פאַרשפּרייטן וועגן מיר די אומגלויבלעכסטע קלאַנגען.

זעקס אָדער זיבן חדשים שפּעטער איז דורך אַ מערקווירדיקן צופאַל פון אָט־דער געמיינער ברואה אַראָפּגעריסן געוואָרן די מאַסקע. זיין פרוי האָט פאַרדונגען אַ מעבלירט צימער פאַר אַ פון דער שווייץ אָנגעקומענעם חבר מיטן נאָמען דעמוט. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי ס'איז צווישן איר און דעם נייעם שכן געקומען צו גאָר אינטימע באַציונגען. ווען די פרוי האָט באַקומען נאָך מער צוטרוי צו איר געליבטן, האָט זי זיך אָפּט באַקלאָגט פאַר אים אויף איר מאַנס גראָבקייט און רויקייט און לסוף האָט זי אים בסוד־סודות איבערגעגעבן, אַז איר מאַן, ווערנער, שטייט שוין פון זיבט יאָרן אין דינסט פון סקאָטלאַנד יאַרד. דעמוט האָט תיכף געלאָזט וויסן ווילהעלם ווערנערן און אייניקע אַנדערע חברים וועגן דעם. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דעמוט זאָל זיך באַמיען צו שאַפן קאָנקרעטע באַווייזן, ווייל דער פרויס בלויזע דערקלערונג איז נישט גענוג, בפרט אַז ס'איז שוין פון לאַנג געווען באַקאַנט, אַז ווערנער האָט מיט איר נישט געלעבט בשלום. ס'איז אים לסוף געלונגען צו פועלן ביי דער פרוי, זי זאָל צונעמען איר מאַנס אַ בריוו, פון וואָס ס'איז געווען קלאָר אַרויסצוזען, אַז ווערנער האָט אָנגעהאַלטן באַציונגען מיט דער ענגלישער פּאָליציי. ווען מ'האָט אים ביי אַ זיצונג פונעם פאַריין געוויזן דעמדאָזיקן בריוו, איז ער געוואָרן אַזוי צעמישט, אַז נישט געקוקט אויף זיין אָפּלייקענען, האָט מען פון זיין פּנים געקאָנט אַראָפּלייענען די שולד. מ'האָט אים גוט אָנגעבראָכן די ביינער און אים אַרויסגעוואָרפן. ער האָט נאָכדעם אָנגעקלאָגט די חברים וויבלער

---

*) איך מוז דאָ אויסדריקלעך באַמערקן, אַז דער מסור עמיל ווערנער איז נישט איי־דענטיש מיטן אַלטן חבר מיטן זעלביקן נאָמען, וועלכער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט אַוגוסט ריינסדאָרף און דעמאָלט נאָך געוווינט אין פראַנקרייך.

און קאַרל מויעל, וועלכע זיינען פאַרמישפּט געוואָרן יעדער איינער צו פיר חדשים תּפיסה פאַר שווערן פיזישן צעקאַליעטשען ווערנערן.

אַזעלכע פאַלן זיינען אין יענע צייט פאָרגעקומען אין אַלע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען. און ווען אפילו זיי זיינען נישט געווען אַזעלכע אָפטע, האָבן זיי אָבער פונדעסטוועגן צוגעטראָגן זייער חלק, אַז מ׳זאָל זיך צוהערן צו יעדן קלאַנג וועגן אַ חשד אויף עמיצן, און מ׳האָט זיך נישט געגעבן קיין גרויסע מי צו דערגיין צום תּוך פונעם עינין. אַזוי אַרום איז נישט איינער אומשולדיק פאַרדעכטיקט געוואָרן, און ס׳איז אין אַ סך פאַלן אפילו נישט מעגלעך געווען צו דערגיין, פונוואַנען דער חשד איז געקומען. אויף וויפל ס׳האָט געשטעקט אין אָט־די אינטריגעס די האַנט פון דער פּאָליציי גופא אָדער אינוויוווייט זי האָט עס געשטיצט דורך אירע אַגענטן, האָט מען נאַטירלעך קיינמאָל נישט געקאָנט דערגיין; וועגן דעם קאָן מען בלויז מאַכן השערות. ס׳פאַרבלייבט אָבער אַ פאַקט, אַז דווקא צווישן די דייטשע פליטים אין אויסלאַנד זיינען אַזעלכע חשדים געווען אָפטערע ווי ביי אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. זיי פלעגן טאַקע, צום באַדויערן, זייער הויפּיק דערפירן צו שווערע אינערלעכע קאַמפן, וועלכע פלעגן אָנגעפירט ווערן מיט דער גרעסטער פאַרביטערונג אָדער, בעסער גע־זאָגט, קיינמאָל נישט געקאָנט אָנגעפירט ווערן ביז צום סוף און זיי פלעגן געוויינלעך פאַרענדיקט ווערן ערשט דעמאָלט, ווען מ׳איז אין יידע צדדים געווען אַזוי אויס־געמוטשעט, אַז מ׳האָט שוין דעם קאַמף מער נישט געקאָנט אָנפירן.

## האָניקוואָכן מיט שטרויכלונגען

יענע נישט פריילעכע פּאַסירונגען אין דער דייטשער באַוועגונג זיינען געווען איינע פון די הויפּט־סיבות, צוליב וועלכע איך האָב שפּעטער אָפּטער געווענדט מיינע שריט צום גרויסן געטאָ אין דער מיזרח־זייט פון לאָנדאָן און גענומען אַן אַקטיווערן אָנטייל ביי די פאַרזאַמלונגען פון די יידישע חברים, ווי איך האָב דאָס געהאַט געטאָן ביז דעמאָלט. איך האָב דעמאָלט געהאַט באַקומען אַ נייע שטעלע אין לאַמבעט און היות די פאַרבינדונגען פון דער מיזרח־זייט מיט מיין נייעם אַרבעטספּאָסטן זיינען געווען גינציקער און געדויערט וויניקער צייט, האָב איך ביים חבר אהרן אַטקין, וועלכער האָט אין שכנות פון שאָרעדיטש געהאַט אַ קלייטל, געדונגען אַ צימער. אינעם קליינעם צימערל הינטער זיין קלייטל פלעגן זיך אָפּט צונויפקומען אַ סך חברים פונעם ענגערן קרייז פון דער יידישער באַוועגונג און מיר פלעגן דאָרט פאַרברענגען אייניקע אַנגענעמע שעהן אין אָנרעגנדיקע שמועסן און דיסקוסיעס.

אין יענעם קליינעם קרייז פון סימפּאַטישע מענטשן בין איך אויך באַקאַנט געוואָרן מיט מיין שפּעטערדיקער לעבנסבאַגלייטערן מילי וויטקאָפּ, וועלכע האָט דעמאָלט באַלאַנגט צו די אַקטיווסטע מיטגלידער פון דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד“. איך האָב זיך מיט מילין שוין געהאַט באַקענט אויף דער לאָנדאָנער מערב־זייט, וווּ זי פלעגט זיך אָפּט באַווייזן אין די קרייזן פון די דייטשע חברים, ביכדי צו פאַרשפּרייטן צייטונגען און בראָשורן אָדער צו זאַמלען געלט פאַר פאַרשידענע צוועקן פון דער באַוועגונג. זי איז דעמאָלט אַלט געווען בערך אַכצן אָדער נײַנצן יאָר און איר פּשוטער און באַשיידענער אויסזען, אָבער פריער פון אַלץ די טיפע ערנסטקייט, מיט וועלכער זי איז געווען איבערגעגעבן צו אונדזער אידעאַל, האָט אונדז אַלע געמאַכט פאַר פריינט פונעם יונגן שלאַנקן מיידל מיט די געדיכטע שוואַרצע האָר און די גרויסע טונקעלע אויגן. אָבער ערשט ווען איך האָב זיך באַזעצט אינעם געטאָ, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך נעענטער צו באַקענען מיט אירע ריינע און זעלטענע כאַראַקטער־מעלות. אַזוי זיינען מיר ביסלעכווייז געוואָרן אַלץ נענטערע און בעסערע פריינט און מיין סימפּאַטיע צו איר איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער.

ווי דער רוב יונגעלייט אין מיינע יאָרן, האָב אויך איך שוין געהאַט פאַרשידענע דערפאַרונגען הינטער מיר. איך האָב נאָך אין מיין היים זיך געהאַט באַקענט מיט

אַ מיידל, וועלכע איז צו מיר שפּעטער געקומען קיין פּאַריז און דאָרט אָנגענומען אַ שטעלע ווי אַ פּאַרוואַלטערן פון אַ הויז. פון אָט־דעם פאַרהעלטעניש איז געבוירן געוואָרן אַ קינד, מיין זון רודאָלף. מיר האָבן דערנאָך געוווינט אייניקע יאָרן צוזאַמען אין פּאַריז און אין לאָנדאָן, און פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך אינערלעך נישט דערנענטערט צווישן זיך. ס'איז געווען אַ נישט־צוגעטראָפן פאַרהעלטעניש, וועלכעס האָט נישט געקאָנט האָבן קיין באַשטאַנדהאַפטיקייט שוין צוליב דעם, וואָס ס'איז צווישן אונדז נישט געווען קיין שום גייסטיקער צונויפבונד, וועלכער איז אימשטאַנד צו געבן אינערלעכע באַפרידיקונג. זיינען מיר זיך, בכן, לסוף פונאַנדערגעגאַנגען, ביכדי נישט צו צעשטערן נוצלאָז אונדזערע יונגע לעבנס. אַזוי ווי זי האָט, נישט געקוקט אויף מיינע איינווענדונגען, געוואָלט מיטנעמען מיט זיך איר קינד, האָב איך געטאָן דאָס, וואָס איז בײַ אַזעלכע אומשטענדן איבערהויפּט מעגלעך צו טאָן, הגם די פונאַנדערשיידונג מיטן קליינעם בחורל איז מיר אָנגעקומען גענוג שווער. ווען מיין פריערדיקע חברטע האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן מאַן, האָט זי מיר געשריבן, אַז דאָס קינד איז אַ שטער פאַר איר מאַן. האָבן מיר גענומען צו זיך דאָס בחורל, וועלכעס איז שוין דעמאָלט אַלט געווען כימעט זעקס יאָר, און מילי, מיט וועלכער איך האָב זיך אין דער צווישנצייט פאַרייניקט, איז פאַר אים געוואָרן אַ גוטע און צערטלעכע מוטער.

מיין ערשטע דערפאַרונג אויפן געביט פון פּאָרפּאָלקישן צוזאַמענלעבן האָט מיך געמאַכט אַביסל אומצוטרוילעך אין מיינע באַציונגען צום אַנדערן געשלעכט, ביז מילי האָט זיך פּלוצים באַוויזן אין מיין לעבן און ביסלעכוויז אויפגעוועקט אין מיר אַ נייגונג, וועלכע איז מיר ביז דעמאָלט געהאַט געווען פרעמד. אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ סיבה צו מיינען, אַז אויך איך בין איר נישט געווען גלייכגילטיק, איז עס געקומען צווישן אונדז צו אַן אינטימען פאַרהעלטעניש, און דאָס האָט לסוף דערפירט צו אַ לעבנסצונויפבונד, וועלכער האָט אויסגעהאַלטן אַלע קלעפּ פונעם גורל. איך האָב קיינמאָל נישט חרטה געהאַט אויף מיין אויסוואַל און איך בין פעסט איבערצייגט, אַז אונדזער לאַנג צוזאַמענלעבן האָט בײַ מיר ערשט אַנטוויקלט באַשטימטע נייגונגען, וועלכע קאָנען דערגיין צו פולער צייטיקייט נאָר בײַ גינציקע אומשטענדן. ווער ס'איז פון זיין פריסטער יוגנט אָן געשטאַנען אינעם געדיכטסטן וויכער פון אַ באַוועגונג, דאַרף האָבן אַ פּלאַץ, אַ ווינקל, ווו ער קאָן געפינען אינערלעכע קאָנצענטראַציע, און אַ מענטשן, מיט וועמען ער זאָל זיך פילן נשמהדיק צונויפגעוואַקסן, אַ מענטש, וועלכע איז אים נישט בלויז פרוי, נייערט אויך פריינט און חבר, וועמען ער קאָן זיך אָנפאַרטרויען אָן יעדער באַוואָרעניש אין אַלע סיטואַציעס פונעם לעבן. ווו אָט־די תנאים זיינען נישט פאַראַן, דאָרט פאַרבלייבט שטענדיק אַ פּוסטער חלל פון די געפילן, אַ ליידיקייט, וועלכן דער בלויז סעקסועלער אינסטינקט איז נישט בכוח אויסצופילן.

אפילו דער פרייסטער קאָנצעפּט וועגן די באַציונגען צווישן די געשלעכטער קאָן נישט אַריבערשפּאַנען איבער דידאָזיקע עינינים, מחמת אויך אויפן דאָזיקן געביט איז נישט פאַראַן קיין באַשטימטע נאָרמע, וועלכע זאָל זיין גילטיק פאַר

אַלעמען גלייך, וואָרן די אינערלעכע נאַטירלעכע נייגונגען פון די מענטשן זיינען אַזוי אומענדלעך פאַרשידן, אַז מ׳קאָן זיי נישט אַלע מעסטן מיט דערזעלביקער מאָס, און ווו דאָס פּאַסירט יאָ אַזוי, זיינען די קאָנסעקווענצן דערפון אויף אַזוי פיל ערגערע. נאָר די גייסטיקע און נשמהדיקע צונויפגעבונדנקייט גיט ערשט דעם צוזאַ־מענלעבן דאָס אינערלעכע גלייכגעוויכט פונעם פילן און דענקען. איך פאַרשטיי, אַז אַזאַ פאַרהעלטעניש איז אינעם רוב פאַלן אַ זאַך פונעם צופאַל און איך בין תמיד געווען דאַנקבאַר דעם גורל, וואָס ער האָט מיך אויף מיין וועג צונויפגעפירט מיט אַזאַ געטרייער, צו יעדן קרבן גרייטער חברטע. מיר האָבן אויף אונדזער לעבנסוועג נישט געזאַמלט קיין ערדישע עשירות און זיך גוט באַקענט מיט די שוועריקייטן פון לעבן. אָבער מיר האָבן אַלץ אויסגעטראָגן בשותפות אין נויט און אין סכנה, אַלץ דורכגעלעבט און דורכגעקעמפט ווי גוטע חברים, וועלכע האָבן זיך איינער דעם אַנדערן גאָרנישט אויסצוואַרפן, מחמת זיי האָבן ביידע געקעמפט פאַר דער בעמלעכער זאַך און רואיק גענומען אויף זיך אַלע קאָנסעקווענצן. דערפאַר אָבער האָבן מיר אויך דערלעבט פריידן, וועלכע זיינען נאָר באַשערט פאַר יענע מענטשן, וועמען דער גערעאַנגל פאַר אַ גרויסן אידעאַל איז געוואָרן אַן אומבאַדינגט־נייטיק באַדערפעניש פונעם לעבן, אָן וועלכן זיי קאָנען זיך נישט באַגיין. מיר האָבן אין אונדזער ענגסטן קרייז געפונען אַ שטיל גליק, וועלכע האָט אונדז בשפע פאַרגיטיקט פאַר יעדער אומאָנגענעמלעכקייט פונעם לעבן. מיר האָבן דעם בלויען פויגל נישט געדאַרפט זוכן אין די ווייטענישן, מחמת ער איז שטענדיק געווען מיט אונדז.

מילי איז געבוירן געוואָרן אין זלאָטאָפּאָל, אַ קליין שטעטל אין אוקראַינע. זי האָט געהאַט הינטער זיך אַ שווערע קינדהייט, מחמת אירע עלטערן זיינען געווען אָרעמע לייט, וועלכע ס׳איז אויסגעקומען זיך שווער צו ראַנגלען מיט דער נויט פונעם לעבן. איר פאָטער איז געווען אַ שניידער, וועלכער האָט פאַרדינט זיין פּרנסה דורך אויספאַרריכטן אַלטע אָדער אויפנייען נייע מלבושים פאַר די שכנותדיקע פּריצים. אָבער נישט געקוקט אויף דער שווערער האַרעוואַניע, האָט ער קוים גע־קאָנט פאַרדינען דאָס נייטיקסטע אויסצוהאַלטן זיין פאַמיליע. איר מוטער איז גע־ווען אַ שטאַרק פרומע פרוי, מיט אַ זעלטענעם כאַראַקטער און זעלטענע מעלות, און זי איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט פאַרטיילן צדקה, ביכדי צו העלפן אַנ־דערע נויטבאַדערפטיקע, וועלכע זיינען געווען נאָך אָרעמער ווי זי אַליין. דיזעלביקע ראָל האָט זי אויך געשפּילט שפּעטער אין לאָנדאָן, ווו זי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט שאַפן צדקה פאַר די אָרעמסטע פון צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, און צוליב דעם איז זי אינעם קליינעם קרייז, ווו זי האָט זיך מתעסק געווען, באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אישה צנועה. זי האָט זיך שטענדיק געיאָגט נאָך מעשים טובים און דערביי אַרויסגעוויזן אַזאַ רירנדיקע באַשיידנקייט און באַגניגנדיקייט, אַז מען האָט איר אומעטום אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן דרך־ארץ.

מילי אַליין איז אַלס קינד אויך געווען געשטימט שטאַרק רעליגיעז און איר פרומקייט איז געווען דער שטאָלץ פון דער פאַמיליע. אין יאָר 1894 איז זי, ווי אַ יונגיטשקע מיידעלע, געקומען קיין לאָנדאָן, ווו זי האָט יאָרנלאַנג געאַרבעט אין די

באַרימטע „שוויצשעפּער״ פון דער מיזרח־זייט און זיך נישט פאַרגונען דעם ביסן אין מויל, ביכדי צו קענען אַריבערברענגען קיין ענגלאַנד אירע עלטערן און שוועסטערס און זיי איינצואָרדענען אין אַן אָרעמער דירה. אָבער נאָך איידער דאָס איז געשען, איז ביים יונגן מיידל פאָרגעקומען אַ גרויסע אינערלעכע ענדערונג. די אוממיטלבאַרע דירעקטע סיבה דערצו איז געווען די נייע סביבה, אין וועלכער זי איז אַריינגעפאַלן אָן שום איבערגאַנגס־סטאַדיע. אין איר קליינעם שטעטל פון רוסלאַנד האָט זי געהאַט אַרום זיך בלויז באַשיידענע מענטשן, וועלכע האָבן זיך גע־האַלטן ביי די אוראַלטע טראַדיציעס פון זייער אמונה און געבליבן אומבאַאווירקט פון די השפּעות און קאַמפן אין דער גרויסער וועלט מחוץ זייער סביבה. דאָ אָבער, אין איר נייער סביבה, האָט זי זיך אָנגעטראָפן מיט מענטשן, ביי וועמען די רעלי־גיע איז שוין לאַנג געווען אַ טויטער ריטואַל, וועלכע האָט זיי געמוזט פאַרבייטן די אינערלעכע איבערצייגונג, וואָרן די שווערע נויט פונעם לעבן האָט זיי גע־צוווּנגען צו כסדרדיקע פשרות, וועלכע האָבן נישט געקאָנט זיין אין הסכם מיט די אַלטע געבאָטן. אַזוי אַרום איז אין אָט־דערדאָזיקער יונגער נשמה אויפגעקומען דער ערשטער צווייפל, וועלכער האָט זיך נישט לייכט געלאָזט אָפּשטויסן אין הינטערגרונט. מילי האָט באַלאַנגט צו יענע נאַטורן, וועמען ס׳איז בטבע, געפּיל־מעסיק, דערווידער יעדע צווייפּנימדיקייט, האַלב אַהין און האַלב אַהער, וואָרום זיי האָבן תמיד פאַרן אויג דאָס גאַנצע פון אַ זאַך און זיי קאָנען נישט אַזוי לייכט שלום מאַכן מיט די פאַראַנענע פאַקטן. ביי אַזעלכע אומשטענדן האָט פאַר איר געמוזט זיין טאָפּלט שווער די אינערלעכע צעשפּאַלטנקייט, וועלכע איז ביי איר אַנטשטאַנען.

דעמאָלט האָט אַ שטרייק פון יידישע בעקער אין לאָנדאָנס מיזרח־זייט גערופן איר אויפמערקזאַמקייט און זי איז איינמאָל אַוועק צו אַ גרויסער פאַרזאַמלונג פון די שטרייקנדיקע אַרבעטער. די רעדעס, וועלכע זי האָט דאָרט געהערט, און ביפּרט די שילדערונגען וועגן דער טרויעריקער לאַגע פון די אַרבעטער, האָבן אויף איר געמאַכט אַזאַ טיפן רושם, אַז ער איז שוין מער קיינמאָל נישט פאַרגעסן געוואָרן. ס׳האָט פּלוצים דערוואַכט אין איר אַ געפיל פאַר גערעכטיקייט און זיך געבונטעוועט קעגן דער עקזיסטירנדיקער אומגערעכטיקייט. אַזוי אַרום האָט זי זיך גענומען טיפער פאַרטראַכטן וועגן אַזעלכע עניינים, ביז זי האָט אין אַ שיינעם טאָג געפונען דעם וועג צו שוגאַר לאויף, ווו די יידישע אַנאַרכיסטן פלעגן אין יענער צייט אָפּהאַלטן זייערע וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען. דאָס איבעריקע איז שוין געקומען פון זיך אַליין. דאָס פלייסיקע לייענען אונדזער ליטעראַטור און דאָס געהערטע ביי די פאַרזאַמ־לונגען, צו וועלכע זי פלעגט פון דעמאָלט אָן רעגלמעסיק קומען, האָבן באַוויזן דעם רעשט. אַזוי איז מילי ביסלעכווייז געוואָרן אַן אייגענע אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. זי האָט פאַרלוירן אַן אַלטע אמונה, אָבער געפונען אַ נייע איבערצייגונג, וועלכע האָט איר אומגעקערט דאָס פאַרלוירענע.

ווען אירע עלטערן און דער רעשט קינדער זיינען לסוף געקומען קיין לאָנדאָן, האָבן זיי מער נישט געטראָפן די נעמלעכע טאָכטער, וועלכע זיי האָבן געקענט פון דער היים, נייערט אַ יונגן מענטש, וועמען דאָס לעבן האָט אויסגעצייטיקט און

אָוועקגעשטעלט אויף די אייגענע פיס. ס'איז אמת, אז מילי איז זיי אויך אויף ווייטער געווען איבערגעגעבן מיט דערזעלביקער ליבשאַפט ווי פריער, אָבער מ'האָט נישט געקאָנט דערוואַרטן פון עלטערע מענטשן, וועלכע זיינען געווען לגמרי ווייט און פרעמד פון מאָדערנע אידעען, אַז זיי זאָלן אַרויסווייזן דיזעלביקע פאַרשטענדע־ניש פאַר דער אינערלעכער ענדערונג פון זייער טאָכטער, ווי די טאָכטער האָט אַרויסגעוויזן צו זיי. זיי האָבן טאַקע באַהאַנדלט מילין אויך אויף ווייטער מיט דערזעלביקער וואַרעמקייט, אָבער אינערלעך האָבן זיי זיכער געפילט, אַז זיי האָבן עפּעס פאַרלוירן, וועלכעס קיינער וועט זיי מער נישט קאָנען אומקערן. דער פאָטער האָט זיך פון צייט צו צייט נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון צו מאַכן דער טאָכטער לייכטע אויסריידן, אָבער די מוטער האָט אויך דאָס נישט געטון, און באַהאַלטן אַלעס, וואָס זי האָט געפילט, אין דער אייגענער נשמה. פאַר איר, וועלכע איז מיטן גאַנצן לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן איר גאָטספאַרכטיקייט, איז דאָס אומגליק, וואָס האָט זי געטראָפן, געווען אַ גאָטזאַך, קעגן וועלכער דער מענטש קאָן גאָרנישט טאָן און ער מוז אָננעמען באהבה און דערמיט שלום מאַכן אינוויוויט ער איז אימשטאַנד. די דריי שוועסטערס: פאָלי, פאַני און ראָזע, האָבן זיך גיך אַריינגע־פּאַסט אין דער נייער לאַגע און זיי האָבן זיך אַלע פאַרנומען אויף דיזעלביקע דרכים. פאַר די עלטערן איז עס געווען אַ שווערער קלאַפּ.

ווען איך האָב זיך באַקענט מיט מילין, האָט זי נאָך געוווינט צוזאַמען מיט אירע עלטערן און אירע דריי שוועסטער. זי האָט אָן ספק שטאַרק געפילט די אינערלעכע ליידן פון די אַלטע לייט. אָבער וואָס האָט זי געקאָנט טון צו דעם? אויסבאַהאַלטן פאַר זיי איר קוק אויף זאַכן און זיי דערציילן מעשיות, וועלכע זיינען געווען נישט בהסכם מיט איר ליבשאַפט צום אמת און צו וועלכע זי האָט געפילט אַ ווידערווילן? פון דעם איז זי בטבע געווען ווייט. דאָס, וואָס זי איז געווען, האָט זי געמוזט זיין אינגאַנצן און אָן באַהעלטענישן און ליגנס. זי האָט די עלטערן געקאָנט נאָכגעבן אין אַלץ, אָבער ווייטער דענקען אין זעלביקן זין ווי זיי האָבן געדענקט, — דאָס האָט זי שוין נישט געקאָנט, וואָרום זי האָט שוין געהאַט צעשטערט די בריקן, וועלכע מ'האָט שוין מער נישט געקאָנט צורעכט מאַכן. אויך אידעען ווערן געבוירן מיט יסורים. און וואָס ווייטער ס'איז דער מהלך צווישן איבערגענומענע, טראַדיציאָ־נעלע באַגריפן און ניי־באַקומענע אידעען, אַלץ פיינלעכער זיינען די באַגלייט־דערשיינונגען.

אין דעצעמבער 1897 האָב איך באַקומען אַ בריוו פון אַן אַלטן פריינט אין ניו־יאָרק, אין וועלכן ער האָט מיר פאָרגעלייגט צו קומען קיין אַמעריקע, ווו ס'איז פאַר מיר פאַראַן זיכערע און גוט־באַצאָלטע אַרבעט. מיין פריינט האָט זיך אויך אָנגעבאָטן מיר צו יעדער צייט צו שיקן אַ שיפסקאַרט, אויב איך וועל זיך אַנטשליסן אויסצוואַנדערן. איך האָב זיך אָבער געפילט אַזוי שטאַרק צונויפגעוואָקסן מיט דער אַלטער וועלט, אַז דער געדאַנק וועגן אויסוואַנדערונג האָט זיך מיר כימעט אויסגעוויזן ווי אַ דעזערציע. איך האָב דעריבער דעמאָלט אָפּגעוואָרפן מיין פריינטס

פאַרליג און אים געשריבן, אַז פאַרלויפיק קאָן איך זיך נאָך נישט אנטשליסן צו אַ רייזע איבערן גרויסן טייך. אָבער פיר חדשים שפּעטער איז עס אויף מיין אַר־בעטספּלאַץ געקומען צו אַ שטרייק צוליב דער כוונה צו קירצן דעם לוין, אַ שטרייק, וועלכער איז נאָך אַ קורצער צייט אינגאַנצן פאַרשפּילט געוואָרן. איך האָב דעמאָלט פאַרלוירן מיין שטעלע און אַזוי ווי איך האָב דעמאָלט נישט געהאַט קיין אויסקוק צו קאָנען באַקומען אַ פּלאַץ אין אַ בערך קורצער צייט, האָב איך דעם עיגין וועגן פאָרן קיין אַמעריקע איצט געזען אין אַן אנדערן ליכט. האָב איך דעריבער געלאָזט וויסן מיין פריינט וועגן דער גאנצער לאַגע און אין אייניקע וואָכן אַרום האָב איך באַקומען אַ שיפסקאַרט.

נאַטירלעך, אַז איך האָב זיך וועגן דעם פריער דורכגעשמועסט מיט מילין. שוין פון זינט מער ווי אַ יאָר צייט האָבן מיר אָנגעהאַלטן אַ זייער אינטים פאַרהעל־טעניש, וועלכעס איז געווען באקאנט בלויז פאַר וויניקע, אָבער מיר האָבן נאָך נישט געהאַט קיין באַציונגען צווישן זיך ווי מאַן און ווייב. צו מיין גרויסער פרייד האָט זי מיר דערקלערט איר גרייטקייט מיך תיכּף צו באַגלייטן. אינדערמיט פון חודש אַפּריל האָבן מיר זיך געזאָלט אַרויסלאָזן אויף דער רייזע, און ס׳איז פּונקט דעמאָלט אויסגעבראָכן די מילחמה צווישן די פאַרייניקטע שטאַטן און שפּאַניע און די אַמעריקאַנישע רעגירונג האָט קאָנפיסקירט אַלע גרעסערע פּאַסאַזשיר־שיפן פאַר מילחמה־צוועקן. די שיפסקאָמפּאַניע איז דעריבער געווען געצוווּנגען פאַר אונדז צו באַשטימען אנדערע פּלעצער אויף אַ קלענערער שיף, וועלכע איז אָפּגע־פאָרן דעם 15טן מאַי פון סוטהעמפּטאָן. מיר האָבן זיך אין דער רשימה פון דער קאָמפּאַניע פאַרשריבן ווי חתונה־געהאַטע, ווייל אַזוי אַרום האָבן מיר געקאָנט באַקומען אַ קליינע קאַבינע בלויז פאַר אונדז ביידן. איך שרייב וועגן אָט־דעם פּריוואַטן עינין בלויז דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען דער גורם פון אַ גרויסער אַקציע פון דער מלוכה קעגן אונדז, מיט וועלכער די גאַנצע אמעריקאַנישע פּרעסע האָט זיך שטאַרק פאַרנומען במשך פון אייניקע וואָכן צייט.

די שיף „טשעסטער" איז געווען אַ גרויסער מילטער, וועלכע מ׳האָט מיט דער גאַנצער איילעניש צוגעגרייט פאַר איר נייעם צוועק. מ׳האָט פאַר אונדז באַשטימט אין צווישנדעק אָן ענגע, טונקעלע קאַבינע, אין וועלכער ס׳זיינען נישט געווען קיין שום באַקוועמלעכקייטן. אָבער דאָס האָט אונדז פאַרשאַפט וויניק זאָרג; זיינען מיר דאָך געשטאַנען אויף דער שוועל פון אונדזער ערשטן יונגן גליק און דאָס באַוווּסטזיין פון איצט אָן צו קאָנען געזעלעך באַלאַנגען איינער צום אַנדערן האָט נישט געלאָזט אויפקומען קיין שלעכטע שטימונג. די רייזע האָט פאַרנומען גאנצע צוויי וואָכן צייט, אָבער דאָס וועטער איז געווען גאַנץ גוט און ס׳זיינען געווען וויניק פּאַסאַזשירן אויפן באָרט פון דער שיף, וואָס איז ביי יענע אומשטענדן געווען אַן אמתע ברכה.

מיר האָבן געזאָלט אָנקומען קיין ניו־יאָרק דעם 29טן מאַי אינדערפרי. אָבער פּלוצים איז קורץ פאַר אונדזער אַריינפאָר אויפגעקומען פון ים אַ געדיכטער נעפּל, וועלכער האָט זיך אין אייניקע מינוט אַרום פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער געדיכטע־

ניש, אַזוי אַז שטייענדיק אויפן דעק האָט מען אַפילו נישט געקאָנט זען דאָס וואַסער אונטער אונדזער שיף. אַ געוויסע צייט האָט זיך אונדזער שיף געריררט פון פּלאַץ אין דאָזיקן חשכות גאַנץ פּאַרזיכטיק, ביי קוים אַרבעטנדיקע מאַשינען, ביז זיי האָבן זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט און מיר זיינען געבליבן שטיין אויפן זעלביקן אָרט. אַזוי איז אַריבער דער גאַנצער פּאַרמיטיק. מ'האָט נישט געהערט מער ווי דעם טעמפּן גערויש פון די כוואַליעס און זייער אָנשטויס אויף די ווענט פון דער שיף און דעם טעמפּן אָפּקלאַנג פון די פייפעלעך אינעם נעפּל. ערשט נאָך דער מיטיק־שעה האָט זיך אויסגעלייטערט די געשפּענסטערהאַפטיקע פינצטערניש. באַלד האָבן מיר ווידער געזען דעם בלויען הימל און דעם ים, אַ צעשטראַלטן פון דער זון. פאַר אונדז איז געלעגן דער האַפן און ביסלעכווייז האָט זיך פונדערווייטנס באַ־וויזן די פרייהייט־סטאַטוע מיט דער שטראַלן־קרוין און דעם אויפגעהויבענעם פאַקל. מיר זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען אויף דער דעק מיטן בליק געווענדט אין דער ווייטקייט אַריין און מיר האָבן כימעט באַדויערט, וואָס די רייזע, וועלכע האָט געחתמעט אונדזער לעבנסבונד, איז שוין פאַרענדיקט.

ס'איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטיק, ווען מיר זיינען צוגעקומען צום סאַמע ברעג און ס'זיינען פאַרלייגט געוואָרן די בריקן. נאָכדעם ווי ס'זיינען דערליידיקט געוואָרן די ערשטע פאָרמאַליטעטן, האָט מען אונדז געטריבן ווי אַ סטאַדע אויף אַ קליין שיפל, וועלכעס האָט אונדז אַריבערגעפירט אויף אַ קליין אינדזעלע, ווו ס'האָט זיך געפונען די אייגנטלעכע געביידע פאַר די אימיגראַנטן, וועלכע פלעגן דאָרט אונטערזוכט און באַטראַכט ווערן. די אַלטע געביידע איז מיט א צייט צוריק געהאַט חרוב געוואָרן דורך א שריפה, אַזוי אַז מ'האָט מיט דער גאַנצער איילעניש געמוזט אויפבויען א נויט־בינין, וועלכער האָט געדאַרפט דינען פאַרן אויפהאַלט פון די איינוואַנדערער אין משך פון די טעג, ביז מ'האָט זיי באַוויליקט דעם אַריינ־קום אין לאַנד. אַזוי ווי ס'זיינען דאָרט נישט געווען קיין שלאָפצימערן, פלעגט מען די אָנגעקומענע אויף יעדן אָוונט אַוועקפירן אויף אַן אַלטער שיף, ווו מ'האָט אָפּ־געטיילט די מענער פון די פרויען; פאַר די ערשטע האָט מען באַשטימט אַ שלאָף־פּלאַץ אינעם צווישנדעק און פאַר די צווייטע — אויפן אויבערדעק. אינדערפרי פון יעדן טאָג פלעגט מען אונדז ווידער אַוועקפירן אין יענעם בינין, ווו מ'האָט אונדז אויך געגעבן צו עסן. דער לאָקאַל, וועלכן מיר האָבן דאָרט געהאַט, איז געווען אַ ריזיק־גרויסער זאַל, וועלכער האָט געמאַכט א טרויעריקן איינדרוק מיט זיין נאַקעטער העסלעכקייט. אַוודאי ריכט מען זיך נישט אין אַזעלכע ערטער אויף קיין באַקוועמלעכקייט, אָבער דאָס ערגסטע אין אָט־דעם גן־עדן פאַר אָרעמע צווישנדעק־פּאַסאַזשירן איז געווען דער פאַרוואָקסענער שמוץ און די פּאַסקודנע אומפליי, פון וועלכע קיינער האָט זיך נישט געקאָנט באַשיצן.

ווען מיר זיינען ס'ערשטע מאָל אַריינגעקומען אין אָט־דעם מיאוסן זאַל, איז ער שוין געווען פול מיט אימיגראַנטן, וועלכע זיינען מיט א טאָג צוריק אָנגעקו־מען אויף צוויי אַנדערע שיפן. מיר זיינען דאָרט צוערשט איינגעטיילט געוואָרן לויטן אלף־בית אין קליינע גרופּן. דאָס אַלעס איז געטאָן געוואָרן מיט אַזאַ שטאַרקן פאַר־

ווענד פון כוחות פון די לונגען און אזעלכע נאַרישע געשרייען אין אַלערליי שפּראַכן, אַז ס׳האָט זיך אויסגעוויזן ווי מ׳וואָלט געווען אין א משוגעים־הויז. איי־ניקע פון די באַאַמטע, וועלכע האָבן אַלע געהאַט אין די הענט שפּאַציר־שטעקעלעך, האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק זיך מיט זיי צו באַנוצן, כדי צו שטויסן און צו שטופּן די אימיגראַנטן, אויב זיי האָבן תיכף נישט פאַרשטאַנען, וואָס מ׳הייסט זיי טאָן. דערביי איז געווען לייכט צו באַמערקן, אַז מ׳פלעגט אויסקלייבן ווי קרבנות שטענדיק יענע, אויף וועמעס מלבושים מ׳האָט געקאָנט דערקענען די אָרעמקייט, אָדער אראָפּלייע־נען פון זייערע פּנימער אַ געוויסע גייסטיקע צוריקגעשטאַנענקייט. ווען אַלע זיי־נען שוין געווען אויסגעשטעלט לויט ריי און גרופּע, האָט מען אונדז מחנותוויז אַריינגעפירט אין קלענערע צימערן, ווו ס׳זיינען געזעסן אַ סך באַאַמטע ביי לאַנגע טישן פולע מיט פּאַפּירן און זיי פלעגן ביי יעדן איינעם דורכפירן דעם אָנגענומענעם פאַרהער. ווען ס׳איז געקומען די ריי צו אונדז, האָט מיר דער באַאַמטער געשטעלט פאַרשידענע פראַגעס, אויף וועלכע איך האָב קורץ געענטפערט. לסוף האָט ער זיך נאָכגעפרעגט וועגן אונדזערע חתונה־פּאַפּירן. אַזוי ווי מיר האָבן זיי אים, נאַטירלעך, נישט געקאָנט געבן, האָט ער זיך געמאַכט אַ קורצע אָנמערקונג און אונדז געהייסן גיין ווייטער. מיר האָבן באַלד באַמערקט, אַז דאָ איז עפּעס נישט אין אָרדענונג, אָבער מיר האָבן זיך נישט שטאַרק געזאָרגט וועגן דעם און מיר האָבן אויך נישט געטראַכט זיך איינצוקויפן דאָס רעכט אַריינצופאָרן אין לאַנד דורך אָנבראָקן ליגנס, ווייל אייגנטלעך איז אונדזער צוזאַמענלעבן געווען אונדזער אייגענער עינין, וועלכער איז קיינעם נישט אָנגעגאַנגען.

צומאָרגנס האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין א צימער, ווו מיר האָבן אָנגעע־טראָפן ביי אַ טיש פיר העכערע באַאַמטע און אַן עלטערע דאַמע, וועלכע האָבן אונדז באַטראַכט מיט נישטערנדיקע אויגן. נאָכדעם ווי מ׳האָט פאַר אונדז אַוועקגעשטעלט צוויי שטולן, האָט זיך איינער פון די באַאַמטע געווענדט צו מיר און געזאָגט אויף דייטש: „איר טענהט, אַז איר האָט פאַרגעסן אייערע חתונה־פּאַפּירן. אָבער מ׳פאַר־געסט דאָך נישט אַזאַ וויכטיקן דאָקומענט, ווען מ׳לאָזט זיך אַרויס אויף אַזאַ וויכ־טיקער רייזע“.

„וועגן דעם איז לגמרי נישט געווען קיין רייד“, האָב איך געזאָגט רואיק, איך האָב בלויז געזאָגט, אַז מיר האָבן נישט אַזעלכע פּאַפּירן, ווייל מיר האָבן זיך קיינמאָל נישט באַמיט אַזעלכע צו באַקומען. אונדזער בונד איז דער רעזולטאַט פון אַ פרייען אָפּמאַך צווישן מיר און מיין פרוי. דאָ גייט עס וועגן אַ ריין־פּריוואַטן עינין, פאַר וועלכן מיר אַליין טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און וועלכער דאַרף נישט קיין געזעצלעכע באַשטעטיקונג“.

דער באַאַמטער האָט מיך באַטראַכט מיט גרויס־צעעפנטע אויגן און אויך ביי די אַנדערע האָט מען געקאָנט אַראָפּלייענען די דערשטוינונג פון די פּנימער. קענטיק, אַז אַזאַ פאַל האָט ביי זיי נאָך נישט פּאַסירט. נאָכדעם ווי ער איז אַביסל געקומען צו זיך פון דער איבערראַשונג, האָט ער אַ זאָג־געטאָן מיט אַן ערנסטער שטים:

— אָבער דאָס איז דאָך בלויז אייער אייגענער באַנעם.

— אַזוי איז עס טאַקע, האָב איך געזאָגט, און דאָס איז אַזוי דערפֿאַר, ווייל אונדזער צונויפֿבונד איז בלויז נאָר אונדזער אייגענער עיניין, וועלכער איז נוגע בלויז אונדזביידע פּערזענלעך.

איצט איז די אַלטע דאַמע פּלוצים געוואָרן רירעוודיק. אויף איר פּנים האָבן זיך באַוויזן סימנים פֿון פֿאַרזאָרגטקייט. אויף מיר האָט זי אַפֿילו נישט געוואָלט אַ קוק־טאָן, אָבער זי האָט זיך געווענדט דירעקט צו מילין:

— אָבער ס׳איז דאָך אוממעגלעך, אַז איר, ווי אַ פֿרוי, זאָלט קאָנען זיין צופֿרידן מיט אַזאַ מיינונג, — האָט זי געזאָגט פֿול מיט חשיבות. — באַגרייפֿט איר דען נישט די סכּנה, צו וועלכער איר שטעלט זיך אויס דערמיט? ביי אַזעלכע אומשטענדן קאָן דאָך אייך אייער מאַן צו יעדער צייט פֿאַרלאָזן און איר קאָנט אים אַפֿילו גאָרנישט טאָן דערפֿאַר.

— און צי מיינט איר באמת, — האָט מילי געזאָגט מיט אַן אייזקאַלטער רואי־קייט, — אַז איך וואָלט עס געקאָנט מאַכן האַרמאָנירן מיט מיין חשיבות ווי אַ פֿרוי און אַ מענטש צוצובינדן צו זיך דורך די קייטן פֿונעם געזעץ אַ מאַן, פֿאַר וועמען איך בין אַ לאַסט? אַן אמתדיק צוזאַמענלעבן שטיצט זיך נאָר אויף קעגנזייטיקער ליבשאַפֿט. ווו אַזעלכעס איז נישט פֿאַראַן, קאָן עס אויך דאָס געזעץ נישט אַרויפֿ־צווינגען.

— דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך הער פֿון אַ פֿרוי אַזעלכע ווערטער, — האָט די אַלטע פֿרוי געזאָגט מיט אַ לייכטן פֿאַרוווּרף.

— באמת? — האָט מילי געפֿרעגט. — אָבער די זאַך איז דאָך אַזוי איינפֿאַך. יעדער פֿון אונדז ווייסט, אַז ס׳זיינען פֿאַראַן אַזויגערופֿענע געלט־חתונות, ווו עס אַנטשיידט נישט די קעגנזייטיקע סימפּאַטיע, נייערט די ריין־מאַטעריעלע אינטע־רעסן. צי ווערט אַזאַ חתונה מיט עפּעס הייליקער דערפֿאַר, ווייל זי איז סאַנקציאָ־נירט געוואָרן פֿונעם געזעץ?

— אָבער ווען אַלע וואָלטן פֿאַרוואָרפֿן דאָס געזעץ אין עינינים פֿון חתונה, ווי איר טוט דאָס, — האָט די אַלטע באַאַמטע געזאָגט מיט אַ באַשיימפּערלעכער אויפֿרעגינג, — דעמאָלט וואָלט דאָך לסוף די גאַנצע וועלט געמוזט דערגיין צו דער פֿרייער ליבע.

— דאָס וואָרט איז נישט ריכטיק צוגעפּאַסט, — האָט מילי געענטפֿערט מיט אַ פֿיינער איראָניע, — וואָרן עס איז אַ ווידערשפּרוך מיט זיך אַליין. ליבע איז תמיד פֿריי, ווייל מ׳קאָן זי נישט אַרויפֿצווינגען. ווו עס הערט־אויף די פֿרייהייט אין דער ליבע, דאָרט הייבט זיך אָן די פּראָסטיטוציע.

די אַלטע דאַמע האָט פֿאַרביסן מיט די ליפּן און אויפֿגעהערט מיט אירע ווייַ־טערדיקע פּרוּוון צו ווירקן אין איר זין. נו, האָט מען זיך ווידער גענומען צו מיר און מיך אָנגעהויבן צו פֿאַרהערן. דערזעלביקער באַאַמטער, וועלכער האָט פֿריער גערעדט צו מיר, האָט מיך געפֿרעגט, צי איך בין גרייט מיט אַ שבועה צו באַשטע־טיקן, אַז איך האָב נישט חתונה געהאַט געזעצלעך מיט קיין אַנדערער פֿרוי. דערביי האָט ער מיך, אגב, אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אַז איך מעג זיך אָפּזאָגן פֿונעם ענטפֿער.

איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב נישט קיין שום סיבה פאַר דעם. אָבער ווען ער האָט פאַר מיר אַוועקגעלייגט די ביבל, ביכדי ביי מיר אָפּצונעמען די שבועה, האָב איך געזאָגט, אַז ער וועט זיך מוזן באַנוגענען מיט מיין וואָרט אָנשטאָט דער שבועה, וואָרן מיר באַלאַנגען נישט צו קיין שום קירך. די אַלטע דאַמע האָט דערביי געמאַכט אַ מינע, גלייך ווי אַ ביינדל פון אַ פיש וואָלט איר געבליבן שטעקן אין האַלדז. נאָכדעם האָט זי מיושבדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, גלייך ווי זי וואָלט זאָגן: „אָט־דאָ שטעקט עס טאַקע. ווו ס׳איז נישט פאַראַן קיין אמונה, מוז אויך חרוב ווערן דער דרך־ארץ צו דער חתונה״. דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט אונדזער ערשטער פאַרהער.

צומאָרגנס האָבן אונדז באַזוכט פאַרשידענע אומבאַקאַנטע לייט אינעם גרויסן זאַל, וועלכע האָבן געבעטן מער אינפאָרמאַציע וועגן אונדזער פאַל און אונדז געשטעלט אָן אַ שיעור פראַגעס. אַזוי ווי מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג, ווער די דאָזיקע לייט זיינען געווען, האָבן מיר תחילת געמיינט, אַז דאָס זיינען פּאָליציי־אַגענטן, וועלכע ווילן אַזוי אַרום באַקומען מער פּרטים וועגן אונדז. זיי האָבן זיך אַלע געהאַלטן זייער העפלעך און אַזוי ווי מיר האָבן גאָרנישט געהאַט וואָס צו פאַרהוילן, האָבן מיר זיי געגעבן אַלע ידיעות, וועגן וועלכע זיי האָבן געפרעגט. אויך די באַאַמטע האָבן אונדז פון דעמאָלט אָן באַהאַנדלט מיט באַזונדערער אייגזעניש און אָפּט פריינטלעך געשמועסט מיט אונדז. אַזוי ווי ס׳זיינען אינעם גאַנצן זאַל נישט געווען קיין טישן, האָבן זיך די אימיגראַנטן יעדעס מאָל פאַרן מאָלצייט געדאַרפט אויסשטעלן פאַרן גרויסן קעסל, פון וואַנען ס׳איז זיי לויט דער ריי דערלאַנגט געוואָרן דאָס עסן אויף אַ טעלער. ס׳פלעגט ביי יעדן מאָל פאַרטיילן עסן זיין אַ שטאַרק געדרענג, ווייל יעדער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער. מיר פלעגן דעריבער פאַרבלייבן אויף אונדזערע פּלעצער, ביכדי צו וואַרטן, ביז ס׳וועט אַריבער דער געדרענג. איינער פון די אָנגעשטעלטע האָט דאָס, קענטיק, באַמערקט, ווייל ער האָט פּלוצים אָפּגעטריבן דעם דרענגענדיקן עולם פון די פולע קעסלען, אָנגעפילט צוויי טעלער און זיי צוגעטראָגן צו אונדזערע פּלעצער. דאָס איז פון דעמאָלט אָן אַזוי געווען יעדן טאָג. אַזוי ווי מיר זיינען געווען די איינציקע, וועמען ס׳איז צוגעטיילט געוואָרן אַזאַ אויפמערקזאַמקייט, איז עס פאַר אונדז געווען היפּש פּיינלעך, מחמת מיר האָבן בשום אופן נישט פּרעטענדירט קיין בעסערע באַהאַנדלונג ווי די אַנדערע.

איינער פון די באַאַמטע האָט, הפנים, באַקומען צו אונדז אַ באַזונדערע סימפּאַטיע, ווייל ער פלעגט יעדן טאָג רעדן מיט אונדז אַ ווייַלע וועגן פאַרשידענע זאַכן. ער איז געווען אַ געבוירענער פראַנצויז, וועלכער האָט גערעדט אַ סך שפּראַכן און איז אין אַלגעמיין געווען אַ מענטש מיט גייסטיקער קולטור. ווען איך האָב אים בעת איינעם אַזאַ שמועס דערציילט, אַז איך האָב איינִיקע יאָר געלעבט אין פּאַריז, האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק: „נו, אויב אַזוי, ווייסט איר דאָך, אַז אין פראַנקרייך קוקט מען גאַנץ אַנדערש אויף די באַציונגען צווישן די געשלעכטער ווי דאָ. אַמעריקע איז אַ שטרענג פּוריטאַניש לאַנד און איך האָב מורא, אַז מ׳וועט

איךביידן צוריקשיקן, אויב איר וועט זיך האַלטן ביי אייער מיינונג, ווען אפילו ס'זיינען נישט פאַראַן קיין באַשטימטע געזעצלעכע תקנות בנוגע דעם. איך האַלט־אַן דאַ דעמדאָזיקן פּאָסטן שוין איבער צען יאָר, אָבער אַזאַ פאַל האָט אונדז נאָך נישט פּאַסירט".

צומאָרגנס נאָך אונדזער ערשטן פאַרהער האָט אונדז אויך באַזוכט מיין פריינט, וועלכער האָט מיר געשיקט די שיפסקאַרט. ער האָט שוין געוווּסט וועגן אַלץ און אונדז געבּרענגט אַ פּאַק צייטונגען, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט אונדזער עניין. ערשט איצט איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז אונדזערע ערשטע באַזוכער זיינען נישט געווען פון דער פּאָליציי, נייערט צייטונגס־רעפּאָרטערס. דער רוב פון יענע באַ־ריכטן אין די גרויסע טאָגצייטונגען זיינען בפירוש נישט געווען אומסימפּאַטיש; זיי זיינען בלויז געווען סענסאַציאָנאַליסטיש אויפגעבלאָזן און געבּרענגט אמת און פאַנטאַזיע נאָך דער ריי נאָך, כדי עס זאָל זייערע לייענער באַזונדערס שמעקן און הנאה־טאָן. מיר האָבן אויך שפּעטער געהאַט אַ גאַנצע שורה געסט פון דעם מין. אַ רעפּאָרטער פון דער יידישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער „אַרבייטערצייטונג" האָט אונדז אַפילו געבּרענגט א נומער פון זיין בלאַט, וועלכעס האָט זיך פאַרנומען מיט אונדזער עניין און פאַרעפנטלעכט וועגן דעם אַ לאַנגן אַרטיקל מיטן טיטל „בעסער ליבע אָן חתונה ווי חתונה אָן ליבע".

ווען מ'האָט אונדז אין אָן אָוונט געבּראַכט אויף דער שיף, ווו מיר פלעגן גע־וויינלעך איבערנעכטיקן, האָט מיך איינער אַן אָנגעשטעלטער געבעטן אים נאָכצו־גיין, ווייל אַ העכערער באַאַמטער וויל רעדן מיט מיר. ער האָט מיך אריינגעפירט אין אַ שיינער, באַקוועמער קאַבינע אויפן אויבערשטן דעק, ווו ס'האָט אויף מיר גע־וואַרט אַן עלטערער הער, וועלכער האָט מיך העפלעך פאַרבעטן זיך אַוועקצוזעצן. באַלד נאָכדעם האָט מען אויך געבּרענגט מילין, און נאָכדעם ווי מ'האָט פאַר אונדז געשטעלט קאַווע מיט געבעקס, האָט זיך צווישן אונדז אַנטוויקלט אַ זייער אָנגע־נעמער שמועס. דער אַלטער הער האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז ער צווייפלט נישט אין דער ריינקייט פון אונדזער אידעאָלאָגיע, אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז אין דער וועלט, אין וועלכער מיר לעבן, איז שווער זיך אויסצולעבן, אויב מ'פּרוּווט נישט זיך צוצופּאַסן צו די איינגעפירטע מינהגים און געוווינהייטן. מיר האָבן דאָס, נאַ־טירלעך, נישט געוואָלט צוגעבן און איך האָב אים געזאָגט, אַז ווען די פאָטערס פון דערדאָזיקער רעפּובליק וואָלטן געווען געשטעלט די עפנטלעכע מיינונג איבער אַלץ, וואָלט נאָך מיסתמא אַמעריקע ביז היינט געווען אַן ענגלישע קאָלאָניע. ער האָט מילד געשמייכלט און געזאָגט, אַז די פאַרהעלטענישן וואָלטן אויך אָן דעם קריג מיט ענגלאַנד געווען געגאַנגען אויפן זעלביקן וועג, ווייל די געשיכטע האָט אין אַזעלכע פאַלן איר אייגענע לאָגיק. „איר זיינט דאָך נאָך גאָר יונגע מענטשן, וועלכע ווילט זיך מיטן קאָפּ דורכשלאָגן דורך דער וואַנט. אָבער אויך איר וועט זיך ענדלעך דערוויסן, אַז דאָס איז אוממעגלעך. איך וואָלט אייך וועגן דעם געקאַנט דערציילן איניקע פּרטים פון מיין אייגענעם לעבן".

ווען איך האָב אים בעתן שמועס אַ פרעג־געטאָן, וואָס ס'וועט געשען מיט אונדז,

האָט ער געענטפערט, אַז מ׳וועט אונדז מיסתמא מאַכן אַ פּאַרלייג און ס׳וועט זיין געווענדט אין אונדז, אים אָנצונעמען אָדער נישט. נאָכדעם האָט ער אונדז פריינטלעך דערלאַנגט די האַנט און זיך געזעגנט. ערשט צומאָרגנס זיינען מיר געווויר געוואָרן, אַז דער אַלטער הער, וועלכער האָט מיט אונדז אַזוי פריינטלעך פאַרבראַכט, איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי ט. וו. פּאָודערליי, דער געוועזענער פּרעזידענט פון דער אַמאָליקער גרויסער געווערקשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע „קאַוואַלירן פון דער אַרבעט״, Knights of Labor, וועמען די אַמעריקאַנישע רעגירונג האָט איבער־געגעבן דעם אַמט צו זיין דער ממונה איבער אַלע איינוואַנדערונגס־ענינים.

צוויי טעג שפּעטער האָט מען אונדז ווידער אַוועקגעשטעלט פאַר אַ ספּעציעלער קאָמיסיע, ווו מ׳האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז מ׳וועט אונדז באַווילִיקן דעם אַריינקום אין לאַנד, אויב מיר וועלן איינגיין אויפן תנאַי פריער חתונה צו האָבן געזעצלעך. קאָן זיין, אַז מיר וואָלטן זיך נישט געווען אָפּגעשטעלט אויף דעם, מחמת ס׳איז אונדז דאָך נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה. מיר האָבן אָבער נישט געקאָנט איינגיין אויף דעם שוין צוליב דעם עיקרדיקן מאָטיוו, וואָס ס׳איז אין יענער צייט אין אַמעריקע נישט געווען קיין שום געזעץ, וועלכעס זאָל קאָנען באַרעכטיקן אַזאַ מין אַריינמישן זיך אין אונדזערע פּריוואַטע ענינים. פונעם רעכט אַריינצופאָרן זיינען דעמאָלט געווען אויסגעשלאָסן בלויז פּראָפעסיאָנעלע פאַרברעכער, שוואַכזי־ניקע אָדער פּערזאָנען מיט אומהיילבאַרע שלאַפקייטן. די אַלע זאַכן זיינען אונדז נישט געווען נוגע. דאָס באַרימטע געזעץ קעגן דער איינוואַנדערונג פון פרעמדע אַנאַרכיסטן, וועלכעס איז נאָך אפילו ביז היינט צו טאָג נישט אויפגעקלערט גע־וואָרן בנוגע דעם אמתן זין זיינעם, איז ערשט אַריין אין קראַפט פינף יאָר שפּעטער. אונדזער פאַל איז דעריבער געווען דער איינציקער אין זיין מין און ער האָט גע־קאָנט אנטשיידט ווערן צו אונדזער אומגונסט בלויז דורך אַ באַשיימפּערלעכער פאַר־לעצונג פון די אַלגעמיינע יורידישע באַשטימונגען. האָבן מיר דעריבער דערקלערט, אַז אויב אַזוי, וועלן מיר גיכער איינגיין קיין צוריקפאָר אייראָפּע, מחמת דורך אַזאַ אומלעגאַלן באַשלוס האָט מען פאַר אונדז אָפּגעשניטן יעדעס ווייטערדיקע מיטל. דערמיט איז פאַר אונדז דער ענין געווען דערליידיקט און מיר האָבן עס נישט באַדויערט. מיר האָבן זיך נישט געהאַט גאָרנישט וואָס אויסצוזורדן און זיך געמוזט טרייסטן מיט דעם, אַז אין לעבן פון יעדן אויפריכטיקן מענטשן זיינען פאַראַן מאָמענטן, ווען די זעלבסטווירדע פאַרלאַנגט פון אים צו שטעלן העכער זיין פּער־זענלעכע איבערצייגונג ווי די מאַטעריעלע לוינבאַרקייט.

אינעם טאָג פון אונדזער אָפּפאָר האָב איך נאָך געהאַט אַ זייער אומאַנגענעמען פּאַרפאַל, וועלכער האָט געוואָרפן אַ שאַרף ליכט אויף דער רעכטלאָזיקער לאַגע פון די אָרעמע שלעפּער, וועלכע האָבן אין יענער צייט געזוכט אַ מעגלעכקייט אַריינ־צוקומען קיין אַמעריקע ווי אַזויגערופענע „צווישנדעקלער״. מיין פריינט, וועלכער האָט אונדז אייניקע מאָל באַזוכט, האָט אונדז צוגעזאָגט זיך צו זען מיט אונדז נאָכאַמאָל אין טאָג פונעם אָפּפאָר. ווען מיר זיינעןביידע געזעסן ווי געוויינלעך אויף אונדזער פּלאַץ, האָט מיך איינער פון די באַאַמטע געבעטן אים נאָכצוגיין,

ווייל ס׳איז אָנגעקומען אַ בריוו פאַר מיר. ס׳איז געווען, ווי כ׳האָב שפּעטער געזען, אַ געזעגענונגס־בריוו פון מיין פריינט, וועלכער איז צוליב אַן אומדערוואַרטן צו־פאַל געשטערט געוואָרן צו קאָנען קומען פערזענלעך זיך מיט אונדז געזעגענען. מ׳האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער, ווו אַ באַאַמטער, וועמען איך האָב פריער קיינמאָל נישט געזען, האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי מיר אויף מיין נאָמען. נאָך מיין ענטפער האָט ער מיר געוויזן אַ בריוו צו מיר, וועלכן ער האָט מיר אָבער, צו מיין איבערראַשונג, נישט איבערגעגעבן, נייערט אים אַליין געעפנט, ביכדי אים צו לייענען. דאָס איז שוין פאַר מיר געווען צו פיל, שוין אַריבער די מאָס. סוף־כל־סוף זיינען מיר דאָך געווען פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן באַצאָלט פאַר אונדזער רייזע, און נישט קיין אַרעסטירטע, וועלכע מ׳דאַרף באַהאַנדלען ווי פאַרברעכער. פּעסט אַנט־שלאָסן, האָב איך ביי אים אַרויסגענומען דעם בריוו פון זיין האַנט און אים אַריינ־געלייגט צו זיך אין קעשענע. ער איז געווען אַזוי געפּלעפט, אַז ער איז גאָרנישט געווען אימשטאַנד צו באַנעמען אַזאַ זאַך. איז ער געוואָרן גרימצאָרנדיק און מיר באַפוילן אים אומצוקערן דעם בריוו.

„דער בריוו בלייבט ביי מיר״, האָב איך געזאָגט קאַלט. „ס׳איז מיין בריוו, וועלכער גייט אייך לגמרי נישט אָן. די אַמעריקאַנישע אויטאָריטעטן זיינען טאַקע בכוח אונדז צוריקצושיקן, אָבער דאָס גיט זיי נאָך נישט קיין רעכט צו לייענען מיינע בריוו״.

אַ וואָרט צו אַ וואָרט, ביז ס׳זיינען פּלוצים אַריינגעקומען צוויי באַאַמטע פונעם דערנעבנדיקן צימער און זיי האָבן געפרעגט, וואָס ס׳פּאַסירט דאָ. נאָכדעם ווי איך האָב זיי רואיק דערקלערט, וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך, האָט איינער פון זיי מיר העפלעך געלאָזט וויסן וועגן אַ פאַראַנענער פאַרשריפט, אַז אַלע בריוו, וואָס קומען־אָן צו אימיגראַנטן, מוזן געעפנט ווערן אין דער אָנוועזנהייט פון אַ באַאַמטן, ביכדי דערמיט נישט צו דערלאָזן, אַז ס׳זאָל זיי אַזוי אַרום דורך פריינט פון דרויסן צו־געשיקט ווערן דאָס געלט, וואָס מ׳מוז פאַרשריפטלעך האָבן בעתן אַריינקומען אין לאַנד און אַזוי אַרום עובר זיין אויפן געזעץ.

— אויב דאָס איז אַזוי, האָט מען מיר דאָס געדאַרפט לאָזן וויסן, — האָב איך געענטפערט. — איך וואָלט דעמאָלט דעם בריוו אַליין געעפנט און אייער קאָלעגע איבערצייגט, אַז ער אַנטהאַלט נישט קיין געלט. אָבער איך קאָן קיינעם נישט באַוויליקן צו לייענען מיינע בריוו, וואָרן איך באַטראַכט זיך נישט ווי אייער געפאַנגענער.

דערווייל האָט זיך דער גרימצאָרנדיקער הער אַביסל באַרואיקט, מחמת ער האָט מסתמא איינגעזען, אַז ער האָט זיך לגבי מיר גענומען רעכטן, וועלכע ער האָט נישט געהאַט. האָט ער דעריבער, אַביסל געפאַלן ביי זיך, אַ זאָג־געטאָן:

— זינט איך בין אויף מיין שטעלע, האָט זיך קיינער נישט אַרויסגעשטעלט קעגן מיינע מעשים.

— דאָס איז שטאַרק צו באַדויערן, — האָב איך געזאָגט. — אפשר וועט די היינטיקע פּאַסירונג אייך מאַכן פאַרשטיין, אַז ס׳זיינען אויך פאַראַן מענטשן, וועלכע

דערלויבן נישט אפילו אַ באַאַמטן פון דערדאָזיקער רעפּובליק זיי צו באַהאַנדלען ווי פאַרברעכער.

דערמיט איז אויך אָט דער פאַרפאַל געווען פאַרענדיקט. ס'איז געווען דער לעצטער, וועלכן מיר האָבן דעמאָלט געמוזט איבערלעבן אינעם לאַנד פון די „בראַווע און פרייע". צומאָרגנס האָט אונדז אַ באַאַמטער צוריקגעפירט אויפן באָרט פונעם „טשעסטער", ווו אַלע האָבן שוין געוווסט וועגן אונדזער פאַל. אָבער מ'האָט אונדז באַהאַנדלט מיט גרויס איינזעעניש און זיך נישט דערלויבט קיין אָנצוהערעניש. שפּעט נאָכמיטאָג האָבן זיך די מאַשינען אָנגעהויבן באַוועגן. ס'איז געווען אַ פּרעכטיקער זומערדיקער טאָג. מיר זיינען ביידע געשטאַנען אויפן דעק און געזעגנט זיך דורכגליטשן פאַר אונדזערע אויגן דעם גרינעם ברעג פונעם מעכטיקן האָדסאָן־שטראָם. ווען מיר האָבן באַנייס דערזען די „סטאַטוע אָף ליבערטי", האָט מיך אַרומגענומען אַ מאָדנע געפיל. דער מעכטיקער מאָנומענט, מיט וועלכן אַמעריקע איז באַערט געוואָרן פון באַגייסטערטע פראַנצויזן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן כימעט ווי די פאַרשטיירן פון אַ קלויסטער מיט מאַנאַשקעס, ווארום איינדעראמתן, וועלכן באַדייט האָט געהאַט אַ פרייהייט, וואָס האָט בלויז געדינט ווי אַ סימבאָל פאַר אַ קליינקעפּלדיקן פּוריטאַנערטום, וועלכער האָט געמיינט צו זיין פריי, ווען ער האָט זיך מכוון געווען אויף יעדן איינעם אַרויפצוצווינגען זיין פיליסטערהאַפטיקן אַני־מאַמין און פון דער גייסטיקער באַשרענקטקייט געמאַכט אַ פּרינציפּ? אויך פאַר אַמעריקע איז נאָך נישט געקומען די שעה פון פרייהייט, וועלכע דערלויבט יעדן איינעם צו לעבן זיין אייגן לעבן און אויסגלייכן זיינע עיניניס מיט די אַנדערע מענטשן דורך פרייען אָפּמאַך.

די שיף האָט געהאַט וויניק פּאַסאַזשירן, און אַזוי ווי דאָס וועטער איז אין משך פון דער גאַנצער רייזע געווען שיין, איז פאַר אונדז די רייזע אויף דערדאָזיקער פּאַמעלעכער אַלטער מילטער געווען מער אַ פאַרגעניגן ווי אַן אָפּקומעניש. ווען מיר זיינען צומאָרגנס נאָכן אָפּפאָר געזעסן אויף דער דעק און אַריינגעקוקט אין דער בלויער טיפקייט, איז פּלוצים צוגעקומען צו אונדז איינער פון די אָפיצירן פון דער שיף, וועמען ס'האָט באַגלייט אַ „סטיואַרד", וועלכער האָט פאַר אונדז אַוועקגעשטעלט אַ גרויסן טעלער מיט אָפּגעקליבענע פרוכטן. דער אָפיציר, אַ פריינטלעכער מענטש אין די מיטעלע יאָרן, האָט מיר אַנגערופן זיין נאָמען, וועלכן כ'האָב שוין לאַנג פאַרגעסן, און זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט ווי דער ערשטער מאַשיניסט פון דער „טשעסטער". ער האָט אונדז געזאָגט, אַז ער פילט עס ווי אַ פערזענלעכע באַדערפעניש אונדז ביידן אויסצודריקן זיין סימפּאַטיע, ווייל ער איז איינשטימיק מיט אונדזער באַנעם, און אונדזער אויפפיר האָט ביי אים אַרויסגערופן פאַרערונג צו אונדז. בשעתן שמועס האָט ער אונדז נאָך געפרעגט, צי מיר זיינען אפשר באַקאַנט מיט בענדזשאַמין טאַקער. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט דאָס פאַרגעניגן זיך מיט אים פערזענלעך צו באַקענען, אָבער אַז זיינע אָנשויונגען און זיינע צייטשריפטן זיינען מיר גוט באַקאַנט.

„דאָס איז מיר טאַקע באַלד איינגעפאַלן", האָט ער אַ זאָג־געטאָן מיט פריידי־

קער אויפלעבונג. ס'האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז ער אַליין באַלאַנגט טאַקע צו טאַקערס שול און איז פון זינט אַ סך יאָרן געווען אַן אייפעריקער לייענער פון „ליבערטי". ער האָט אונדז כימעט יעדן טאָג געבראַנגט פרוכטן, שאָקאָלאַד און אויסגעצייכנטע ציגאַרעטלעך און פאַרבראַכט מיט אונדז היפּשע טעלעכע אַנגענעמע שעהן.

אָבער מיר האָבן געהאַט נאָך אַן אַנדער איבעררראַשונג אויף אונדזער רייזע. אין אַ געוויסן טאָג האָט אונדז אַ „סטיואַרט" געזאָגט, אַז דער קאָמיסאַר פון דער שיף וואָלט אונדז זייער גערן געוואָלט זען. זיינען מיר אַוועק אין זיין קאַבינע און זיך דאָרט אָנגעטראָפן מיט אַן עלטערן הער, וועלכער האָט אונדז העפלעך פאַרבעטן זיך אַוועקזעצן. ער האָט זיך פריינטלעך פאַרענטפערט, וואָס ער האָט אונדז געדאַרפט באַלעסטיקן און אונדז געבעטן אים לאָזן וויסן די סיבה, פאַרוואָס מ'האָט אונדז צוריקגעשיקט. איך האָב אים בקיצור איבערגעגעבן אונדזערע איבערלעבענישן. ער האָט אַזוי ווי פאַרטראַכט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט, אַז מיין שילדערונג איז גענוי אַזוי ווי ער האָט געלייענט וועגן אונדזער עינין אין די צייטונגען, אָבער די אימיגראַציע־אויטאָריטעטן האָבן זיין קאָמפּאַניע אָנגעגעבן אַן אַנדערע סיבה. מיר זיינען ביידע געווען שטאַרק איבעררראַשט און אים געפרעגט, וואָס פאַראַ סיבה דאָס האָט געקאָנט זיין. האָט ער אונדז געלאָזט וויסן, אַז מ'האָט אונדז, לויט דער מעלדונג פון די אויטאָריטעטן, נישט באַוויליקט דעם אַריינפאָר דערפאַר, ווייל מיר האָבן נישט געקאָנט באַווייזן, אַז מיר פאַרמאָגן די געזעצלעכע סומע, וועלכע פאָדערט זיך. אָנשטאָט אַן ענטפער האָב איך אַרויסגענומען מיין געלט־טאַש און אים געוויזן דאָס געלט, וואָס מיר האָבן געהאַט. „אָט טאַקע דאָס האָב איך געוואָלט וויסן", האָט ער געזאָגט און אונדז פריינטלעך געדאַנקט. אומזיסט האָב איך זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ביכדי צו דערגיין, פאַרוואָס די אויטאָריטעטן האָבן געדאַרפט אָנגעבן אַזאַ אומריכטיקע באַהויפּטונג. אַז דאָס זאָל געווען זיין דער ווילן נישט צו דאַרפן באַצאָלן דער קאָמפּאַניע דעם באַטרעף פון אונדזער צוריקפאָר, איז דאָך געווען שווער צו גלייבן. ס'איז מיסתמא וואָרשיינלעכער, אַז די לייט האָבן געוווסט, אַז זיי האָבן נישט קיין יורידישע סיבה אָנצוגעבן קעגן אונדז און דעריבער האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אין אָט־דעם מאָדנעם תירוץ.

אונדזער אומגעוואָלטע אַוואַנטורע האָט, אגב, צעבלאָזן פיל מער שטויב ווי ס'האָט אונדז דעמאָלט אפילו געקאָנט איינפאַלן. דאָס זיינען מיר געוויר געוואָרן ערשט שפּעטער, ווען פריינט פון פאַרשידענע אַמעריקאַנער שטעט האָבן אונדז צוגעשיקט אויסצוגן פון צייטונגען וועגן אונדזער פאַל. אַזוי האָבן מיר אויך אין אַ געוויסן טאָג באַקומען אַ נומער פון דער צייטשריפט „לוציפער", וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון מאָזעס האַרמאַן אין שיקאַגאָ, וו ס. ע. וואַלקער האָט אונדזער עינין געווידמעט אַ לאַנגן אַרטיקל, אין וועלכן דער אויפפיר פון די איינוואַנדערונגס־אויטאָריטעטן איז זייער שאַרף קריטיקירט געוואָרן. דער גאַנצער אַרטיקל איז געווען אָנגעשריבן אין אַ זייער סימפּאַטישן טאָן און ס'איז דאָרט אין אַלע פּרטים פאַרטיידיקט געוואָרן אונדזער פּאָזיציע. ס'זיינען דאָרט, פונדעסטוועגן, אויך געווען אייניקע פאַלשע שטעלן, וועלכע וואַלקער האָט אַרויסגענומען פון די טאָגצייטונגען,

נישט האָבנדיק קיין אַנדערע קוואַלן, פון וואַנען עפּעס געוויר צו ווערן. איך האָב דעריבער תיכף געשריבן צו דער רעדאַקציע פונעם „לוציפער“ אַן אויספירלעכן באַריכט, אין וועלכן ס'איז נישט נאָר אָפן און אומצווײדייטיק געשילדערט געוואָרן אמתדיק און אויספירלעך אונדזער פאַל, נאָר ס'איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן פּרטים וועגן דער באַהאַנדלונג, וועלכעס עס באַקומען די אימיגראַנטן אין אַלגעמיין. מיט אייניקע וואָכן שפּעטער איז מיין אינפאָרמאַציע אָפּגעדרוקט געוואָרן און פאַרנומען צוויי זייטן פונעם בלאַט, מיט אַ באַמערקונג פון דער רעדאַקציע אויף דער ערשטער זייט, אין וועלכער ס'איז ספּעציעל געצויגן געוואָרן די אויפמערקזאַמקייט פון די לייענער אויפן דאָזיקן אַרטיקל.

אונדזער ווייטערדיקע רייזע איז אַריבער אָן אינצידענטן. ווען מיר זיינען לסוף אָנגעקומען קיין סוטהעמפּטאָן און מיר האָבן געקאָנט אַראָפּגיין פון דער שיף אָן אַ פאַרהער און אָן באַלעסטיקנדיקע פראַגעס, איז אונדז אָט־דער איינפאַכער אויפפיר געווען טאָפּלט ליב, נאָך די דערפאַרונגען, וועלכע מיר האָבן געהאַט אין ניו־יאָרק. דאָס זיינען געווען האָניקוואָכן מיט שטרויכלונגען.

## ווי אַזוי כ׳בין געוואָרן רעדאַקטאָר פון „אַרבייטער־פריינד״

מיר זיינען אין לאָנדאָן פאַרבליבן בלויז אַ קורצע צייט, מחמת איך האָב נישט געהאַט קיין אויסקוק צו קאָנען באַלד באַקומען אַרבעט. מיר האָבן ביכלל דעמאָלסט גערעכנט צו פאַרלאָזן ענגלאַנד און איך האָב געטראַכט וועגן זוכן צו באַקומען אַ שטעלע אין בריסל. אַזוי ווי אָבער איך האָב געהאַט קליינע אויסזיכטן דאָרטן צו באַקומען אַרבעט אין די זומערדיקע חדשים, האָבן מיר אָפּגעלייגט די רייזע אויף הערבסט און דערווייל האָבן מיר געוואָלט אויספּרוּוון אונדזער מזל אין דער פּראָווינץ און באַשלאָסן צו פאָרן קיין ליווערפּול.

מיר זיינען דאָרט אַהין אָנגעקומען גאַנץ פרי און אַזוי ווי דאָס איז נישט געווען קיין פּאַסיקע שעה פאַר וויזיטן, האָבן מיר געוואָלט מאַכן אַ קליינעם שפּאַציר איבער דער שטאָט. אָבער ס׳האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז ס׳איז אונדז נישט אויסגעקומען קיין סך צו גיין. נאָענט פון דער באַנסטאַנציע איז פּלוצים צוגעקומען צו אונדז אַ יונגערמאַן און אונדז מיט פרייד באַגריסט, אָנרופנדיק אונדז מיט אונדזערע נעמען. דאָס איז געווען אַ ידישער אַרבעטער, וועלכער האָט מיך אָפט געהערט רעדן אין לאָנדאָן. ער האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז חבר מאָריץ יעגער, וועמען מיר האָבן געקענט נאָך פון לאָנדאָן, וווינט נישט ווייט פון דאַנען, אויף פּאַמאָנאַ סטריט, ווו ער האָט א קליינע דרוקעריי, און ער האָט אונדז פאָרגעלייגט אונדז צוצופירן צו אים. מיר האָבן דעם פאָרלייג גערן אָנגענומען, מחמת דאָס האָט אונדז צוגעזאָגט צו געבן די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט די ליווערפּולער חברים און מיט זיי זיך שטעלן אין באַציונגען.

ווען מיר זיינען אַזוי אומגעריכט אָנגעקומען צו יעגערן, איז ער שוין געשטאַנען ביי דער אַרבעט. ער און זיין פרוי האָבן אונדז באַגריסט מיט פריידיקער איבער־ראַשונג. ווען מיר האָבן זיי דערציילט, אז מיר האָבן בדעה צו פאַרבלייבן עטלעכע חדשים אין ליווערפּול, האָט אונדז יעגער געזאָגט, אַז ער האָט אין זיין הויז צו פאַר־דינגען אַ קליין צימערל. דאָס דירה־געלט איז נישט געווען טייער, צוויי שילינג א וואָך. אמת, דאָס צימער איז געווען אינגאַנצן ליידיק, אָבער יעגער האָט געהאַט צוויי לאַנגע, ברייטע בענק, פון וועלכע מ׳האָט געקאָנט מאַכן אַ בעט. דער גרויסער קו־פערט אונדזערער, אין וועלכן מיר האָבן געבראַכט אונדזער ביסל עשירות, איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ טיש. צו דעם זיינען נאָך צוגעקומען צוויי האַלב־צעבראָכענע שטולן און דאָס איז געווען אונדזער גאַנצע אויסמעבלירונג.

פון יעגערן זיינען מיר געוויר געוואָרן, אַז אין ליווערפּול איז פאַראַן אַ געוויסע

צאָל יידישע חברים, וועלכע פירן אָבער נישט אָן קיין שום וויכטיקע טעטיקייט. די סיבה פון אָט־דער אומטעטיקייט, וואָס איז פאַר יידישע אַנאַרכיסטן דעמאָלסט געווען אַזאַ אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג, זיינען געווען אינערלעכע מחלוקות צווישן די חברים, מחלוקות, פאַר וועלכע יעגער איז געווען מער פאַראַנטוואָרטלעך ווי עמיצער אַנדערש, ווי איך בין שפּעטער געוווּיר געוואָרן. פון לאָנדאָן האָב איך יעגערן גע־קענט בלויז אויבנאויפיק און איך פלעג זיך טרעפן מיט אים נאָר ביי אַלגעמיינע צונויפקומען. אָבער די דריי חדשים, וואָס איך האָב געוווינט מיט אים אונטער איין דאַך, האָבן אונדז געוויזן, וואָס פאַראַ מין מענטש ער איז געווען.

יעגער איז געווען אַ מענטש מיט אַ קרענקלעכן יאָגעניש נאָך כבוד, וועמעס אויפגעבלאָזענע איינרעדעניש איז ווייט נישט געווען שווה בשווה מיט זיינע אמתע פעיקייטן. און ווי דאָס פּאַסירט כּימעט שטענדיק מיט מענטשן פון דעם שניט, האָט זיין אומבאַגרענעצטער עגאָיזם קיינמאָל נישט דערלאָזט דערצו, אַז ס'זאָלן צווישן אים און די אַנדערע חברים זיך שאַפן אמת־חברלעכע באַציונגען, ביז דער רוב האָט זיך איינציקווייז און ביסלעכווייז צוריקגעצויגן פון יעדער טעטיקייט. די אוממיטל־באַרע סיבה דערפון איז געווען אַ קליין בלעטל, „דער רעבעל", וועלכעס יעגער האָט צוזאַמען מיט אַ געוויסן אַלבערט ליוואַי אָנגעהויבן אַרויסגעבן בערך זעקס אָדער זיבן חדשים פאַר אונדזער אָנקום. ליוואַי, מיט וועמען איך האָב זיך אויך געהאַט באַקענט אין לאָנדאָן, איז געווען געקנאָטן בערך פונעם זעלביקן טייג ווי יעגער. פון אָט־דעם משונהדיקן בלעטל זיינען צום גליק אַרויס נישט מער ווי צוויי נומערן, מחמת ביידע אַרויסגעבער האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן אַרומרייסן צווישן זיך; יעדער איינער פון זיי האָט געזוכט צו באַקומען די לאָרבערקרענץ פאַר זיך, אָנשטאָט פאַרן צווייטן. האָט שוין נאַטירלעכערווייז געמוזט קומען דערצו, אַז אָט־די קאַץ־ און מויז־מילחמה זאָל אויך דערגיין צו דער גרופּע, ביז ס'האָט שוין קיינער נישט געוואָלט קומען צו קיין זיצונגען און די גרופּע איז זיך צעפאַלן.

אַזאַ איז געווען די לאַגע, ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין ליווערפּול. אָבער די גענויערע פּרטים זיינען מיר געוווּיר געוואָרן ערשט שפּעטער, ביסלעכווייז. אַלבערט ליוואַי איז שוין געהאַט אָפּגעפאָרן קיין הול און די גאַנצע מעשה האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגעסן ווערן. יעגער גופא האָט זיך געפילט היפּש איינזאַם. בלויז אַ קליינע צאָל חברים פלעגן קומען צו אים אַהיים, און ער האָט זיך נאַטירלעך נישט געפילט אין די פעדערן, ווען ער האָט נישט געהאַט אַרום זיך קיינעם, פאַר וועמען צו קאָנען אַרויסווייזן זיינע בקיאות. ער האָט דעמאָלסט געלעבט אין זייער שלעכטע אומ־שטענדן און איז תוך איז ער געווען אַ נעבעכדיק מענטשעלע, וועלכער האָט, צוליב זיינע אומגליקלעכע אייגנשאַפטן, נישט געקאָנט האָבן קיין אמתע פריינט. ס'איז אים, פּונקט ווי אַלע נישט־אָנערקענטע גאונים, קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז ער אַליין איז שולדיק פאַר זיינע דורכפאַלן און ער האָט שטענדיק געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך די אַנדערע פאַר זיינע אייגענע נאַרישקייטן.

אונדזער אָנקום האָט אים איצט געגעבן די געלעגנהייט באַנייס צו קומען אין באַריר מיט די חברים. און דאָס איז ביי אים געווען זייער אָנגעלייגט. ער האָט באַלד־

געלאָזט וויסן איניקע חברים, וועלכע האָבן געוווינט בישכינות, וועגן אונדזער אָנקום און אַזוי אַרום האָבן מיר נאָך דעמזעלביקן אָוונט געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט די חברים שאַפּלער, גודסטאָון, ראַדיצקי און שאַץ, פיר ווילע מענטשן, וועלכע האָבן שוין פון זינט א סך יאָרן באַלאַנגט צו דער באַוועגונג. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר שוין געהאַט אַ צונויפקום מיט אַלע חברים פון דער געווע־זענער גרופּע. מיר זיינען געווען בערך א טוץ חברים, צווישן זיי אויך סילווערסטאָון און זיין פרוי, צוויי אַלטע חברים, וועלכע האָבן באַלאַנגט צו די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און זיינען פריער געווען שטאַרק אַקטיוו אין דער באַוועגונג אין לידז. דידאָזיקע אַלע פּשוטע, אָבער זייער לעבעדיקע אַרבעטער זיינען געווען איינס ביי איינס אויסגעצייכנטע מענטשן, מיט וועמען מ׳האָט זיכער געקאָנט אָנהייבן עפּעס טאָן. דער רוב פון זיי איז געווען מענטשן אין די רייפע יאָרן, עלטערע פון מיר. אָבער חוץ יעגערן איז קיין איינער פון זיי נישט געווען פעיק צו קאָנען עקס־פּאָנירן זיינע אידעען ביי עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, און אַזוי ווי דער „אַרבייטער־פריינד" אין לאָנדאָן האָט שוין פון זינט אַ לענגערער צייט געהאַט געמוזט אָפּגע־שטעלט ווערן, האָבן זיי ביכלל נישט געהאַט קיין סך וואָס צו טאָן. אייניקע פון זיי האָבן זיך דעריבער צוגעשטעלט צו דער ענגלישער גרופּע, וועלכע האָט דעמאָלסט אין ליווערפּול אַנגעפירט אַ לעבעדיקע טעטיקייט. די ענגלישע גרופּע האָט אין יענער צייט געהאַט דריי גוטע און פּאָפּולערע רעדנערס, די חברים דעפּרעס, קאַוואַנאַ און אָ׳שעי, וועלכע האָבן אויף יעדן זונטיק אינדערפרי צונויפגערופן מיטינגען אויפן גרויסן פּלאַץ נעבן מאָנומענט, אין צענטער פון דער שטאָט, ווו זיי האָבן געהאַלטן זייערע געלונגענע רעדעס און ווו ס׳פלעגן אויך גוט פאַרשפּרייט ווערן אונדזערע צייטונגען און בראָשורן.

האָבן מיר אין יענעם ערשטן אָוונט באַשלאָסן באַנייס אויפצולעבן די אַלטע גרופּע און פאַר דעם צוועק האָבן מיר אין בראַנלאָו היל אָפּגעדונגען אַ קליינעם זאַל פאַר עפנטלעכע רעפעראַטן, וועלכע פלעגן זייער גוט באַזוכט ווערן און יעדע וואָך געבראַכט מער צוהערער. איך פלעג דאָרט רעדן כימעט יעדן זונטיק אָוונט און מיר אַלע האָבן זיך געפרייט דערמיט, וואָס אונדזערע באַמיונגען האָבן געפונען אַזאַ גוט פאַרשטענדעניש. אויך צווישן די חברים האָט ווידער געהערשט אַ גוטע און פריינט־לעכע שטימונג, וועלכע איז נישט געשטערט געוואָרן דורך קיין שום אומצופרידנקייט.

אַזוי זיינען אַריבער אייניקע וואָכן, ביז יעגער איז צו איינער פון די וועכנטלעכע זיצונגען פון דער גרופּע געקומען מיט אַ פּאָרלייג, וועלכער האָט אונדז אַלעמען איבערגעראַשט און מיך מער פון אַלעמען, מחמת ער האָט מיר וועגן דעם אַפילו נישט געגעבן אָנצוהערן, הגם מיר האָבן געוווינט אונטער איין דאַך. דאָס, וואָס יעגער האָט פאָרגעלייגט פאַר די חברים, איז געווען נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַרויס־צוגעבן אַ קליינע וואָכנצייטונג אין ליווערפּול. ער האָט זיין פּאָרלייג באַגרינדעט מיט דעם, וואָס אַזוי ווי די באַוועגונג דאַרף בייטיק האָבן אַן אייגענעם אָרגאַן און אַזוי ווי די לאָנדאָנער חברים זיינען דערווייל נישט אימשטאַנד אויפסניי אַרויסצוגעבן זייער צייטונג, זאָל ליווערפּול ווייזן דעם גוטן ביישפּיל. ער אַליין האָט זיך אָנגעבאָטן צו

דרוקן די צייטונג פאַר דרייסיק שילינג אַ וואָך, אַ באַטרעף, וועלכער וועט מיסתמא קאָנען לייכט געדעקט ווערן דורכן פאַרקויף איבערן לאַנד.

דערדאָזיקער פאָרלייג איז לכתחילה אויפגענומען געוואָרן זייער קאַלט, מחמת אַלע האָבן געמיינט, אַז יעגער איז אויסן אויפצולעבן באַנייס זיין „רעבעל". און ס'איז קיינער אויף דעם נישט געווען קיין בעלן. לסוף האָט איינער פון די חברים אַ פרעג־געטאָן יעגערן, ווער ס'דאַרף דאָס זיין דער רעדאַקטאָר פון אַזאַ בלאַט. אויף אָט־דער שאלה האָט יעגער מיט דער גאַנצער רואיקייט און קאַלטבלוטיקייט געענטפערט: „ראָקער, פאַרשטייט זיך".

איך בין געוואָרן געפּלעפט און געפרעגט יעגערן, ווי אַזוי ער שטעלט זיך דאָס פאָר דעמדאָזיקן עינין. איך האָב נישט געקאָנט נישט לייענען און נישט שרייבן קיין יידיש. ס'איז אמת, אז איניקע חברים אין לאָנדאָן האָבן מיך אויסגעלערנט דעם אלף־בית, ביכדי צו באַפרידיקן מיין נייגעריקייט. בלויז מיט שווערער מי האָב איך גע־קאָנט באַוויזן איבערצולייענען אַ „קעפּל" מיט גרויסער שריפט אין אַ יידישער צײַ־טונג. אָבער מער ווי דאָס האָב איך נישט געקאָנט. אָבער יעגער האָט געהאַט צוגע־גרייט אַן ענטפער אויף אַלע פראַגעס; ער האָט פאָרגעלייגט, אז איך זאָל אָנשרייבן די צייטונג אויף דייטש און ער וועט שוין מאַכן די איבערזעצונג אויף יידיש. ווען איך האָב אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איך רעכן גאָרנישט צו פאַרבלייבן אַ לענגערע צייט אין ליווערפּול, האָט ער מיר געענטפערט, אַז אויך וועגן דעם האָט ער גע־טראַכט: ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט זיך שוין דורכגעשריבן מיטן חבר אברהם פרומקין אין פּאַריז און יענער האָט אים געזאָלט האָבן געענטפערט, אַז ער איז, אין אַזאַ פאַל, גרייט צו קומען קיין ליווערפּול, ביתנאי, אויב ס'איז באמת פאַראַן אַ מעגלעכקייט פאַר אַ רעגלמעסיקער דערשיינונג פון אַזאַ בלאַט, וועלכעס ער וועט רעדאַקטירן, אויב איך וועל אָװעקפאָרן.

ווי פרומקין האָט מיר, מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, דערציילט, איז אין דער גאַנצער מעשה נישט געווען אַפילו קיין איין אמתדיק וואָרט. יעגער האָט אַלעס פּשוט און פּראָסט אויסגעטראַכט, ביכדי דערמיט צו געבן מער ווערט זיין פּלאַן. אָבער דעמאָלסט איז נאַטירלעך קיינעם פון אונדז נישט איינגעפאַלן צו צווייפלען און יעגער האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי פאַרצולייגן דעם גאַנצן עינין אין אַזאַ מין רויזיקן שיין, אַז אַלע זיינען ממש ענטוזיאַזמירט געוואָרן פאַר זיין אוואַנטוריסטישן פּלאַן.

בלויז איין חבר, סילווערסטאָון, האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צום גאַנצן עינין. ער האָט געהאַלטן, אַז מ'וואָלט זיך פריער געדאַרפט צונויפרעדן מיט די חברים פון לאָנדאָן און לידז, וואָרן ס'איז דאָך נישט קיין תכלית אַרויסצוברענגען אפשר צוויי אָדער דריי נומערן און נאָכדעם ווידער אָפּשטעלן די אַרבעט. דאָס איז אויך געווען מיין מיינונג. אָבער די חברים זיינען צוגעשטאַנען צו מיר פון אַלע זייטן, אז מ'זאָל יאָ מאַכן אַ פּרוּוו. ביז איך האָב לסוף באַוויליקט איבערצונעמען די רעדאַקציע פונעם בלאַט אויף די קומענדיקע דריי חדשים. אויב די צייטונג וועט אויסהאַלטן אַזוי לאַנג, זאָל דערנאָך פרומקין איבערנעמען מיין פּלאַץ.

די חברים האָבן נאָך דעמזעלביקן אָוונט דורכגעפירט אַ זאַמלונג, וועלכע האָט

אַריינגעבראַכט פיר אָדער פינף פונט און האָבן צוגעזאָגט אויך אויף ווייטער צו אונטערשטיצן די צייטונג דורך פרייווילליקע ביישטייערונגען, ביז זי וועט זיין אימ־שטאַנד אַליין צו דעקן אירע הוצאות.

ווען איך וואָלט דעמאָלסט געווען געהאַט אַ באַגריף, וואָס פאַרא שוועריקייטן ס׳וועלן אויפקומען פאַר מיר פון אָט־דעם עיניין, וואָלט איך זיכער נישט געווען גע־געבן מיין באַוויליקונג. אָבער פון אָנהייב האָט מיין אויפגאַבע נישט אויסגעזען צו זיין אַזוי געפערלעך. יעגער האָט געשטאַמט פון די אַזויגערופענע אינטעלעקטועלע קרייזן. ער איז אין זיין גאַליצישער היים געגאַנגען אין אַ העכערער שול און ער האָט געקענט די דייטשע און פוילישע שפּראַך; אין יאָר 1896 האָט ער אַפילו אין לעמ־בערג אַרויסגעגעבן אַ קליין פויליש בלעטל, „טריבון לודאָווי״, פון וועלכן ס׳זיינען אַרויס בלויז עטלעכע נומערן. מ׳האָט מיר אויך דערציילט, אַז ער האָט מיטגעאַרבעט אינעם „אַרבייטער־פריינד״ אונטער פרומקינס רעדאַקציע. וועגן זיינע ליטעראַרישע פעיקייטן האָב איך זיך אָבער נישט געקאָנט שאַפן קיין קלאָרן באַגריף, ווייל איך האָב נישט געקאָנט לייענען נישט קיין פויליש און נישט קיין יידיש. אָבער ווען אפילו יעגער זאָל נישט זיין קיין ליטעראַרישער שטערן, האָב איך געטראַכט ביי זיך, וועט דאָך אים נישט אָנקומען זייער שווער צו איבערזעצן מיינע אַרטיקלען. ווייזט אָבער אויס, אַז בדרך כלל ווערט מען א חכם ערשט דעמאָלסט, ווען ס׳איז שוין צו שפּעט, — דער שכל קומט נאָך די יאָרן.

אָבער ווי אַזוי ס׳זאָל נישט זיין, — יענער אויסטערלישער עפּיזאָד האָט געגעבן מיין שפּעטערדיקן לעבן אַ גאַנץ באַשטימטע ווענדונג. ס׳זיינען פאַראַן היסטאָריקער, וועלכע טייטשן־אויס אַלע געשיכטלעכע דערשיינונגען מיטן געזאַמל פון אַ סך צו־פאַלן און צופעליקייטן. האָט מען דאָך אפילו קלעאָפּאַטראַס נאָז געמאַכט פאַראַנט־וואָרטלעך פאַרן אונטערגאַנג פון עגיפּטן. אָבער אין מיין פאַל איז עס גאַנץ זיכער געווען דער איינפאַכער צופאַל, וועלכער האָט גורם געווען דעם פאַקט, וואָס איך בין דערנאָך אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. וואָלט מיך יענער אומבאַקאַנטער יונגערמאַן, וועלכער האָט אונדז באַגעגנט אויף דער גאַס ביי אונדזער אָנקום אין ליווערפּול, נישט געווען דערקענט, וואָלט איך מיסתמא קיינמאָל נישט געווען באַקאַנט געוואָרן מיט די דאָרטיקע יידישע חברים. איך וואָלט אַזוי אַרום אויך קיינמאָל נישט געווען געהאַט קיין געלעגנהייט צו ווערן אַ רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג און ס׳וואָלט מיר, במילא, אויך קיינמאָל נישט געווען אויס־געקומען אָנצוקומען צום „אַרבייטער־פריינד״ ווי אַ רעדאַקטאָר. וועגן אַלע זאַכן אין דער וועלט, וועגן וועלכע איך האָב דעמאָלסט געקאָנט חלומען, וואָלט דאָס מיסתמא געווען דאָס לעצטע.

דער ערשטער נומער פון אונדזער פירזייטיקן בלעטל, „דאָס פרייע וואָרט״, איז אַרויס דעם 29טן יולי 1898. ווי א געשעפטלעכער פאַרוואַלטער פון דער צייטונג איז באַשטימט געוואָרן וו. דיאַמאַנדסטאָן, אַ ווילער און ערלעכער מענטש, וועלכער האָט געהאַט דעם גוט־פאַרדינטן צוטרוי פון אַלע חברים.

אָבער באַלד נאָכן אַרויסגעבן די ערשטע צוויי נומערן האָב איך באַמערקט, אַז דער תמיד דערזעלביקער אומפאַרבעסערלעכער יעגער נעמט זיך געוויסע פרייהייטן, צו וועלכע ער איז נישט געווען באַרעכטיקט. זיינע איבערזעצונגען זיינען נישט בלויז געווען זייער שלעכט, נייערט ער האָט זיך אויך דערלויבט צו „באַצירן" מיינע אַרטיקלען מיט אַלערלייאיקע אויסגעדראָשענע פראַזן, וועלכע ער האָט אַליין צוגע־טראַכט, אַזוי אַז איך האָב אַליין נישט געקאָנט דערקענען מיינע אייגענע ווערטער, ווען מ'האָט זיי פאַר מיר שפּעטער איבערגעלייענט. אָבער מיט דעם אַליין איז נאָך יעגער נישט געווען צופרידן; ער פלעגט נאָך, חוץ דעם, אַריינרוקן אין בלאַט קליינע נאָטיצלעך, פון וועלכע די האָר האָבן זיך מיר געשטעלט קאַפּויר. אַזוי ווי איך אַליין האָב נישט געקאָנט לייענען די קאָרעקטורן, פלעג איך זען מיין „מזל" ערשט נאָכדעם ווי די צייטונג איז שוין געווען אָפּגעדרוקט. אַזוי האָט ער איינמאָל איבערגעגעבן אַ מעשה וועגן מאַטראָזן, וועמענס שיף איז אונטערגעגאַנגען און זיי אַלע זיינען פאַר־שלונגען געוואָרן פון האַיפיש. און צו דעם האָט ער צוגעגעבן אַ טיפּזיניקע באַמער־קונג: „דאָס זיינען די רעזולטאַטן פון דער פאַרשאָלטענער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט־אָרדענונג". וואָס אַזוינס די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט האָט געהאַט צו טאָן מיט דער פרעסערישקייט פון די האַיפיש, האָב איך נישט געקאָנט פאַרשטיין; די אַנדערע מיסתמא אויך נישט. אָבער יעגער האָט געהאַט זיין אייגענעם קוק אויף אַזעלכע זאַכן, אויב ער איז ביכלל עפּעס אויסן געווען צו זאָגן מיט דעם.

ס'איז צוליב דעם געקומען צו אומאָנגענעמע מחלוקת, וועלכע האָט מיר פון אָנהויב אָן פאַרביטערט די גאַנצע אַרבעט. ס'איז אמת, אַז יעגער האָט געמוזט איינגיין אויף דעם, נישט אַריינצוגעבן קיין איין שורה אין בלאַט, וועגן וועלכן ער וועט מיר פריער נישט לאָזן וויסן. אָבער דערמיט בין איך ווייניק־וואָס געהאָלפן געוואָרן, מחמת איך בין דאָך נאָך אַלץ געווען אינגאַנצן אָנגעוויזן אויף זיינע איבערזעצונגען, וועלכע זיינען לגמרי נישט געווען בהסכם מיט מיינע פאַרלאַנגען. צום בעסטן וואָלט איך געווען אָפּגעלאָזט דעם גאַנצן עינין, אָבער דאָס איז נישט מעגלעך געווען. די חברים זיינען געווען אַזוי געטריי איבערגעגעבן צו זייער אַרבעט, אַז ס'וואָלט געווען אַ פאַרברעך מיר־נישט, דיר־נישט אָפּצושטעלן דאָס בלאַט. האָב איך זיך דעריבער גענומען צו דער אַרבעט, זיך אויסצולערנען לייענען און שרייבן די יידישע שפּראַך, אינוויפערן [sic] דאָס איז מיר מעגלעך געווען.

איך האָב דערביי געמאַכט א גאנץ גיכן פּראָגרעס, וואָרן דער יידישער אופן פון שרייבן איז דעמאָלסט געווען פיל נענטער צו דייטש ווי היינט. פונדעסטוועגן איז „דאָס פרייע וואָרט" געווען א היפּש אָרעם בלעטל. דער פּלאַץ איז געווען צו באַ־שרענקט, ביכדי צו קאָנען גרינטלעך באַהאַנדלען עינינים פון וועלטבאַנעם; און אויך ביכדי דורכצופירן ווי געהעריק די ריין־פּראָפּאַגאַנדיסטישע שליחות פון דער צייּ־טונג האָט מיר נאָך געפעלט די טיפערע פאַרשטענדעניש פאַר דער פּסיכאָלאָגיע פון מיינע לייענער, און דאָס איז פאַר מיר געווען טאָפּלט שווער אָן דער געהעריקער קענטעניש פון דער שפּראַך.

דערפאַר איז געווען אַזוי גרויס מיין איבעראַשונג, ווען איך האָב איינגעזען, אַז

אונדזער בלאַט איז פון די חברים אין לאַנד אויפגענומען געוואָרן אַזוי וואַרעם. פון לידז, מאַנטשעסטער, גלאַזגאָוו און אפילו פון לאָנדאָן גופא זיינען כסדר אָנגעקומען באַגריסונגען, באַשטעלונגען און געלט אונטערצושטיצן די צייטונג, וועלכע האָט זיך נאָך עטלעכע נומערן שוין זייער גוט געקאָנט אַליין אויסהאַלטן. דאָס איז דאָך, אייגנטלעך, נישט געווען שטאַרק שווער, ווייל יעדע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פריייוויליק און די הוצאות זיינען געווען נאָר פאַרן דרוקער און פאַר פּאָסט־עקס־פּעדיציע.

נאָכדעם ווי ס'זיינען שוין געהאַט אַרויס פיר אָדער פינף נומערן, האָב איך באַקומען אַ לאַנגן בריוו פון חבר ט. אייגעס, דעם דעמאָלטיקן סעקרעטאַר פון דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד“ אין לאָנדאָן, אין וועלכן ער האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז די לאָנדאָנער חברים זיינען ווידער גרייט אַרויסצוגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד“, אויב איך בין אַ בעלן איבערצונעמען די רעדאַקציע. ער האָט געהאַלטן, אַז לאָנדאָן, ווי דער צענטער פון דער באַוועגונג, איז צוגעפּאַסטער פאַרן אַרויסגעבן אַ צייטונג, און אַן אכטזייטיק בלאַט אין לאָנדאָן וועט אויך בעסער קאָנען דערפילן זיין אויפגאַבע אײדער אַ קליין בלעטל אין דער פּראָווינץ. אַגב, אַ מיינונג, וועלכע קיינער האָט נישט געקאָנט אָפּוואַרפן. אייגעס האָט מיר אויך געשריבן, אַז דער חבר דוד איזאַקאָוויטש איז גרייט איבערצונעמען די אַדמיניסטראַטיווע זייט פונעם בלאַט און אַז חבר פרומקין פון פּאַריז האָט צוגעזאָגט דער גרופּע צוצושיקן זיין רעגולערע מיטאַרבעטערשאַפט. די דורכפירונג פונעם פּלאַן איז, בכן, געווען אָפּהענגיק פון מיין הסכמה.

האָב איך דעריבער צוגעטראָגן דעם לאָנדאָנער פּלאַן פאַר די ליווערפּולער חברים. אַוודאַי וואָלט עס דעם רוב פון זיי געווען ליבער, ווען איך וואָלט בעסער געוואָלט בלייבן מיט זיי; זיי האָבן אָבער פונדעסטוועגן איינגעזען, אַז דאָס באַנייאיקע אַרויסגעבן אַ גרעסער בלאַט, וועלכעס האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ צוועלפיעריקע פאַרגאַנגענהייט, וואָלט דער אַלגעמיינער באַוועגונג געקאָנט ברענגען אַ פּיל גרעסערן נוצן. אַגב, איז נאָך צוגעקומען דער אומשטאַנד, וואָס יעגער, וועלכער האָט זיך געפילט געטראָפן אין זיין פוסטער גאווה, האָט אונדז כסדר געמאַכט נייע שוועריקייטן אין אונדזער אַרבעט, אַזוי אַז ס'איז וואָס וייטער אַלץ שווערער און אוממעגלעכער געוואָרן מיט אים צו אַרבעטן. זיינען מיר דעריבער געקומען צו אַן איינשטימיקן באַשלוס, אַרויסצוגעבן אונדזער בלעטל אַזוי לאַנג, ביז די לאָנדאָנער חברים וועלן האָבן געמאַכט אַלע צוגרייטונגען פאַר דער אויפסנייאיקער דערשיינונג פונעם „אַרבייטער־פריינד“. איך האָב אייגעסן תיכף געלאָזט וויסן וועגן אונדזער באַשלוס, וועלכער איז פון די חברים אין לאָנדאָן האַרציק באַגריסט געוואָרן.

דער אַכטער און לעצטער נומער פון אונדזער בלאַט איז אַרויס דעם 17טן סעפּטעמבער 1898. פיר וואָכן שפּעטער, דעם 19טן אָקטאָבער, איז שוין אַרויסגעקומען דער ערשטער נומער פונעם „אַרבייטער־פריינד“, מיט וועלכן דער אַלטער קאַמפּסאָרגאַן פון די יידישע אַנאַרכיסטן אין ענגלאַנד האָט אָנגעהויבן זיין דרייצנטן יאָרגאַנג. באַלד נאָכדעם ווי ס'איז אַרויס דער לעצטער נומער פונעם ליווערפּולער בלעטל, זיינען איך און מילי אָפּגעפאָרן קיין לאָנדאָן, ביכדי צוזאַמען מיט די דאָרטיקע

חברים צו מאַכן די לעצטע צוגרייטונגען פאַרן באַנייאיקן אַרויסגעבן דעם „אַרביי־טער־פריינד". דערמיט האָט זיך אין מיין לעבן אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל, וועגן וועלכן איך האָב אַפילו נישט געקאָנט חלומען און וועלכן איך בין אַריינגעקומען אין אַ פּאָר מיר גאַנץ נייער וועלט.

אָבער איידער איך שטעל זיך אָפּ גענויער אויף מיינע ווייטערדיקע איבערלע־בענישן, איז נייטיק צוגעבן מיינע לייענער אַביסל ידיעות, ביכדי זיי זאָלן האָבן אַ באַגריף וועגן דער אייגנאַרטיקער געשיכטע פון דער עלטערער פרייהייטלעכער באַ־וועגונג פון די מיזרח־יידן, וועגן וועלכער נישט אַלע ווייסן אָדער ווייסן כימעט גאָר־נישט. בעת ס'איז וועגן דער געשיכטע פון די אַנאַרכיסטישע אידעען ביי אַנדערע פעלקער אין די לעצטע דרייסיק אָדער פערציק יאָר א סך געשריבן געוואָרן און ס'זיינען אין אַ סך לשונות אַרויסגעגעבן געוואָרן אויסגעצייכנטע ביכער, איז די אויסגעשטאַלטיקונג פון דער פרייהייטלעכער געדאַנקענוועלט ביי די יידישע אַרבע־טער און אינטעלעקטואַלן ביז איצט נאָך פאַרבליבן אַן אומבאַקאַנט קאַפּיטל. וועט מיסתמא אַ קורצער איבערבליק וועגן יענע שטרעמונגען פאַר אַ סך זיין אַן אָנגע־לייגטער עיניין און ס'איז אויך נישט אומוויכטיק פאַר דער אָפּשאַצונג פון מיין אייגענער שפּעטערדיקער אַקטיוויטעט.

# דער פּיאָנער אהרן ליבערמאַן

אין מיטן פון די 70־ער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די ערשטע פּרוון פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די לאַנדאָ־נער יידישע אימיגראַנטן־מאַסן. דער מענטש, וועלכער האָט געמאַכט דידאַזיקע ערשטע פּרוון, איז געווען — אהרן שמואל ליבערמאַן, וועלכער ווערט מיט רעכט געהאַלטן פאַר דעם פאָטער פון סאָציאַליזם און טרייד־יוניאָניזם צווישן די מיזרח־אייראָפּעישע יידן.

ליבערמאַן איז, אָן שום ספק, געווען איינער פון די זעלטנסטע געשטאַלטן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון יענער צייט. עס זיינען לעצטנס דערשינען עטלעכע נייע אַרבעטן, וואָס ווארפן מער ליכט אויף דעם לעבן און שאַפן און אויף דעם טראַגישן טויט פון אָט־דעם אויסערגעוויינלעכן מענטש. אין 1938 איז אין דריטן באַנד פון דער „אינטערנעשאַנאַל רעוויו פאַר סאָשעל היסטאָרי", וואָס פלעגט אַרויס־געגעבן ווערן פונעם אַמסטערדאַמער „אינטערנאַציאָנאַלן אינסטיטוט פיר סאָציאַלע געשיכטע", דערשינען אַ וואָגיקע אַרבעט פון באַריס סאַפּיר אונטערן נאָמען: „לי־בערמאַן און דער רוסישער סאָציאַליזם". דער מחבר באַנוצט זיך הויפּטזאַכלעך מיט ביז דעמאָלט אומפאַרעפנטלעכטע בריוו פונעם רייכן אַרכיוו פון דעם באַקאַנטן רוסישן רעוואָלוציאָנער און פיאָטער לאַוראָוו (1823—1900) אַ מיטאַרבעטער — וואַלעריאַן סמירנאָוו.

ליבערמאַן איז געבוירן געוואָרן אַרום דעם יאָר 1845 אין אַ שטעטל (לונע) ביי גראָדנע. זיין ערשטע דערציונג איז געווען אַ רעליגיעז־יידישע. שפּעטער האָט ער זיך געלערנט אין פּעטערבורגער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט. ער האָט דאָרט זיין שטודיום נישט געענדיקט. ער האָט זיך אָבער דאָרט באַקענט מיט אַ קרייז פון יונגע רוסישע סאָציאַליסטן, און ער האָט זיך גענומען מיט התמדה שטודירן די אונטער־ערדישע ליטעראַטור פון יענער צייט. דער ערשטער רעזולטאַט איז געווען, אַז ער האָט זיך פולשטענדיק באַפרייט פון רעליגיעזע אָנשויאונגען. אַ שטאַרקע השפּעה האָבן אויף אים געהאַט די אידעען פון פּיאָטער לאַווראָוו, וועלכער האָט אין 1872 געגרינדעט די רוסישע רעוואָלוציאָנערע צייטשריפט „ווּפּעריאָד" (פאָרויס), וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ציריך, שווייץ. ליבערמאַנס ערשטע סאָציאַליסטישע אַר־בעטן זיינען טאַקע דערשינען אין לאַוראָווס זשורנאַל.

אין אָנהייב פון די 70־ער יאָרן האָט זיך ליבערמאַן באַזעצט אין ווילנע. אין 1875 האָט אים אַ ווילנער סאָציאַליסטיש־געשטימטער יונגערמאַן, א. י. זונדעלע־וויטש, אַריינגעפירט אין אַ דאָרטיקן געהיימען קרייז פון יידישע אינטעליגענטן.

אין ווילנע, די ירושלים דליטע, האָט זיך דעמאָלט געפונען דער באַרימטער ראַבינער־סעמינאַר, וועמעס תלמידים זיינען געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון די נייע סאָציאַליסטישע שטרעבונגען. די דערשיינונג איז געווען ענלעך צו דער, וואָס איז פאָרגעקומען אין די רוסישע גלחים־סעמינאַרן, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן אַ גאַנ־צע ריי שפּעטער באַרימט געוואָרענע סאָציאַליסטן. די לערערס און פירערס פונעם ראַבינער־סעמינאַר האָבן גוט געוווסט וועגן דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע צווישן די סטודענטן. אָבער זיי האָבן געמאַכט אַ שווייג, כדי די מעשה זאָל נישט דערגיין צו דער רעגירונג, וועלכע וואָלט אין אַזאַ פאַל פאַרמאַכט דעם סעמינאַר.

די זאַך איז אָבער נישט לאַנג געבליבן אַ סוד. איינער, אַ געוויסער שטיינבערג, האָט געמסרט צו דער פּאָליציי, וועלכע האָט תיכף פאַרזיגלט נישט בלויז דעם ווילנער, נאָר אויך דעם זשיטאָמירער, סעמינאַר. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַ סך פון די יידן־סעמינאַריסטן זיינען אַוועק אין רוסישע לערן־אַנשטאַלטן אָדער אין אויסלענדישע הויכשולן, ווו די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער רוסי־שער שטודירנדיקער יוגנט איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אין פולן ברען.

אָבער די יונגע יידישע אינטעליגענץ, וועלכע איז אַזוי־אַרום געווונען געוואָרן פאַרן סאָציאַליזם, האָט זיך, כימעט אָן אויסנאַם, באַטייליקט אין דער אַלגעמיינער רוסישער באַוועגונג. פריער, אין די ראַבינער־סעמינאַרן, האָבן די סטודענטן פאַר־שפּרייט דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק בלויז צווישן זייערע שול־חברים. אָבער אין אויסלאַנד האָבן זיי געאַרבעט צוזאַמען מיט די רוסן. אַ צאָל יידן זיינען, פּונקט אַזוי ווי די רוסן, אַוועק „אינעם פאָלק" (ד"ה צווישן די רוסישע פויערים), און מיטגעמאַכט דאָסזעלביקע וואָס זייערע רוסישע חברים. עס איז קיינעם פון יענע יונגעלייט נישט איינגעפאַלן צו פירן אַ סאָציאַליסטיש־אויפקלערערישע פּראָפּאַ־גאַנדע צווישן די יידישע מאַסן פון פּוילן און ליטע. דידאָזיקע דערשיינונג לאָזט זיך דערקלערן מיט דעם, וואָס די יידישע אויפגעקלערטע יוגנט האָט מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך אַ גרויסע, ברייט־צעעפנטע וועלט, אַ וועלט וועגן וועלכער זיי האָבן פריער געהאַט אַ קנאַפּן באַגריף. זיי האָבן זיך געפילט אַזוי ווי אַנטלאָפענע פון אַ תפיסה, און זיי האָבן קיין שום חשק נישט געהאַט צוריקצוגיין אין די אָרעמע געטאָס און פּרווון אויפקלערן די יידישע מאַסן. אַ חוץ דעם האָט מען צו יענער צייט גע־האַט צו טאָן מיט אַ שפּראַכן־פּראָבלעם. דאָס פאָלקס־לשון, יידיש, איז נאָך געווען רוי און אומאַנטוויקלט. די יידישע אינטעליגענץ האָט זיך באַנוצט מיט דער רוסישער אָדער העברעאישער שפּראַך; און ביידע לשונות זיינען געווען פרעמד פאַר די יידי־שע מאַסן.

וולאַדימיר יאָכעלסאָן, איינער פון ליבערמאַנס נאָענטסטע ווילנער חברים, שיל־דערט אין זיינע זיכרונות, אין דער רוסישער (רעוואָלוציאָנער־היסטאָרישער) צייט־שריפט „בילאָיע", די גייסטיקע איינשטעלונג פון יענע ערשטע יידישע סאָציאַליסטן:

„מיר האָבן געאַרבעט אינעם רוסישן פאָלק און נישט צווישן די יידישע מאַסן, דערפאַר ווייל מיר זיינען געווען דערווייטערט פון דער קולטור פון די רוסישע יידן. מיר האָבן זיך אָפגעפרעמדט און מיר זיינען געוואָרן קעגנער פון יענע פירנדיקע בירגערלעכע און אָרטאָדאָקסישע שיכטן, פון וועלכע מיר אַליין האָבן געשטאַמט. מיר האָבן געגלויבט אַז דורך דער באַפרייונג פונעם רוסישן פאָלק וועלן אויך אַלע אַנדערע פעלקער אין רוסלאַנד באַפרייט ווערן... אויך מוז איך מודה זיין, אַז מיר האָבן זיך אַביסל אָנגעשטעקט מיט דעם שטאַנדפונקט פון דער רוסישער ליטעראַטור בנוגע יידן. אויך מיר האָבן געגלויבט, אַז יידן זיינען נישט קיין פאָלק, נאָר אַ פּאַראַזיטישער שיכט. דערדאָזיקער שטאַנדפונקט איז זייער אָפט פאַרטראָטן געוואָרן אויך פון פּראָגרעסיווע רוסישע שרייבערס".

די ווילנער גרופּע, אין וועלכער ליבערמאַן האָט זיך געהאַט אָנגעשלאָסן, איז געגרינדעט געוואָרן אין 1872 דורך אַ יידישן סטודענט מיטן נאָמען י. א. פינקעלשטיין. די פירנדיקע ראָל אין יענעם קרייז האָט דעמאָלט געשפּילט דער דערמאָנטער זונדעלעוויטש — אַ זייער ענערגישער טאַלאַנטפולער מענטש, וועמען איך האָב שפּעטער באַגעגנט אין לאָנדאָן. די גרופּע האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט אַ פּעטערבורגער רעוואָלוציאָנערן קרייז, צו וועלכן עס האָבן געהערט אַננאַ עפּשטיין, ראָזאַ יידלסאָן (שפּעטער סמירנאָווס ווייב) און ד"ר לעאָ גינזבורג, אַן איבערצייגטער אָנהענגער פון לאַווראָוון. דורך אַננאַ עפּשטיין, אַ ווילנערין, וואָס האָט דעמאָלט שטודירט אין פּעטערבורג, האָט די גרופּע אין ווילנע באַקומען אומלעגאַלע ליטעראַטור, וועלכע איז הויפּטזאַכלעך שטודירט געוואָרן פון די אייגענע מיטגלידער. די גרופּע גופא האָט נישט געהערט צו קיין באַשטימטער סאָציאַליסטישער ריכטונג, האָט מיר זונדעלעוויטש שפּעטער דערציילט. זיי האָבן שטודירט אַלע ריכטונגען אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. די רוסישע יוגנט איז דעמאָלט געווען הויפּטזאַכלעך באַאיינפלוסט פון באַקונינס געדאַנקען־וועלט. אַ גרויסע השפעה האָבן אויך געהאַט די אַזויגערופענע לאַווראָוויסטן, וועלכע זיינען וואָס איז שייך צו זייער ענדציל, געווען שטאַרק ענלעך צו די באַקוניניסטן. וואָרן לאַווראָוו, פּונקט אַזוי ווי באַקונין, איז געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון פּאָליטישער דעצענטראַליזאַציע און פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער מלוכה ווי אַ פאָרעם פון געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן. בלויז די מעטאָדן פוןביידע ריכטונגען זיינען געווען פאַרשידענע. עס האָבן אויך געהאַט אַ שטיקל איינפלוס די אָנהענגער פון פּיאָטר טקאַטשעוו, וועלכער איז אַדמיניסטראַטיוו פאַרשיקט געוואָרן צוליב זיין אָנטייל אין ניעטשאַיעווס קאָנספּיראַציע. טקאַטשעוו (1844—1885) איז שפּעטער אַנטלאָפן קיין שווייצאַריע, ווו ער האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ יאַקאָבינער און אַ בלאַנקיסט, אַ געשוווירענער אָנהענגער פון צענטראַליזאַציע. פאַרשטייט זיך, אַז סיי די לאַווראָוויסטן, סיי די באַקוניניסטן האָבן אים שטאַרק באַקעמפט.

ליבערמאַן האָט שוין דעמאָלט אָנגענומען אַ באַזונדערע שטעלונג אינעם קרייז פון זיינע חברים אין ווילנע. יאָכעלסאָן אין זיינע זכרונות וועגן ליבערמאַנען שרייבט אַזוי:

„ער האָט געהאַט אַן אייראָפּעישע דערציונג. ער האָט באַהערשט עטלעכע אייראָפּעישע שפּראַכן, און ער איז געווען אַ גוטער דעבאַטאַנט. אַ גוטער תלמודיסט און אַ ליבהאָבער

פון דער העברעישער ליטעראַטור. ער איז געווען אַ טאַלאַנטפולער העברעישער פובליציסט. אין אונדזער קרייז האָט ער זיך כסדר פאַרנומען מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע און מיט דער ספּעציפישער לאַגע פונעם יידישן פאָלק. ער איז געווען דער אייציקער צווישן אונדז, וואָס האָט געטענהט, אַז מ׳דאַרף האָבן סאָציאַליסטישע שריפטן אין יידיש".

און דאָך איז ליבערמאַן נישט געווען קיין יידישער נאַציאָנאַליסט. פון נאַציאָנאַליסטישע אידעען איז ער געווען ווייט, ווי מיר זעען עס בפירוש פון זיינע פילע שריפטן. אַזוי, למשל, האָט ער דערקלערט אינעם ערשטן נומער פון זיין העברעישן זשורנאַל „האמת" אַז:

„נישט די נאַציאָנאַלע ליבע באַוועגט אונדז אַרויסצוגעבן דיזאָזיקע צייטונג. מיר הייבן נישט אַרויס אונדזער פאָלק העכער פון אַנדערע פעלקער. אַ פאָלק טאָר זיך נישט האַלטן העכער פון אַ צווייט פאָלק, פונקט אַזוי ווי אַ מענטש טאָר זיך נישט האַלטן העכער פון אַ צווייטן. נאָר אַלגעמיינע מענטשנליבע און די אונטערדריקונג פון אונדזער פאָלק באַוועגט אונדז צו זאָגן דעם פאָלק דעם אמת אין זיין אייגענעם לשון".

ליבערמאַן איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט קלאָר דערקענט די נויטווענדיקייט פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מיזרח־אייראָפּעישע יידן. כדי צו פאַרשטיין די־אָ נויטווענדיקייט מוז מען קלאָר מאַכן די סאָציאַלע לאַגע פון די רוסישע יידן אין יענער צייט. אַ קלאָר בילד וועגן דעם עינין גיט אַן אַנאָנימער מחבר פון אַ גוטן אַרטיקל, וואָס איז דערשינען אין ציריך, אין 1881, אין ד״ר לודוויג ריכטערס „יאַרבוך פיר סאָציאַלוויסענשאַפט אונד סאָציאַלפּאָליטיק". דער אַרטיקל הייסט: „די אַנטוויקלונג פונעם סאָציאַליסטישן געדאַנק אין דער העברעישער פּרעסע פון מיזרח־אייראָפּע"; און מיר לייענען דאָרט:

„מ׳קאָן נישט פאַרגלייכן דאָס מערב־אייראָפּעישע יידנטום מיט די יידן פון רוסלאַנד. די ערשטע זיינען אינגאַנצן פאַרדאָרבן, פאַרזונקען אין האַנדל־וואַנדל. די לעצטע, אָבער, זיינען אַ פאַקטאָר מיט וועלכן די קומענדיקע רעוואָלוציע וועט זיך מוזן רעכענען*). קנאַפּע דריי מיליאָן יידן לעבן צוזאַמענגעדרענגט אויף אַ קליינעם שטח לאַנד פון דער גרויסער רוסישער אימפּעריע. כימעט אַלע וווינען אין די שטעט און שטעטלעך, וווּ זיי זיינען די מערהייט פון דער באַפעלקערונג. זיי באַשעפטיקן זיך מיט האַנטווערקעריי און קליינהאַנדל. זיי זיינען די פאַבריק־אַרבעטער, די לאַסט־טרעגער, די בעלי־עגלות. זיי שטעלן מיט זיך פאָר בדרך כלל דעם שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט, הגם מיר געפינען צווישן זיי אַ מינדערהייט פון גרעסערע סוחרים, פאַבריקאַנטן און אפילו אייַנצלנע באַנקירן. מחמת דער רוסישער

*) מ׳מוז נישט אינגאַנצן מסכים זיין מיט דעמדאָזיקן האַרבן פסק־דין איבער די מערב־אייראָפּעישע יידן, אפילו ווען ער קומט, ווי מ׳קאָן זיך משער זיין, פון אַ מיזרח־אייראָפּעישן ייד. הגם דער גרעסטער טייל פון די יידן אין מערב־אייראָפּע האָט געהערט צום מיטלקלאַס, און אַ קליינע צאָל פון זיי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער הויך־פינאַנץ, זיינען אָבער דאָך אַ סך פון זיי געווען קינסטלערס, שרייבערס, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אַנדערע וויסנשאַפטסלייט, וועלכע האָבן צוגעטראָגן אַ גרויסן חלק צו דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די לענדער, אין וועלכע זיי האָבן געלעבט. די־אָ יידן טאָר מען נישט צוזאַמענמישן מיט די יידישע באַנקירן, בעת מ׳רעדט וועגן מערב־אייראָפּעישן יידנטום. יעדנפאַלס איז אינטערעסאַנט דער אורטייל פון אַ סאָציאַליסטישן ייד, מיסתמא פון מיזרח־אייראָפּע, איבער דעם מערב־אייראָפּעישן יידנטום. דער פסק־דין באַווייזט, אַז שוין דעמאָלט האָבן זיך בולט אַרויסגעוויזן די סימנים פון אַן אינערלעכער סתירה צווישן די צווייערליי יידנטומס.

דעספאָטישער הערשאַפט און מחמת דוחק אין שולן, איז דעמדאָזיקן יידישן פּראָלעטאַריאַט פאַרמיד די רוסישע שפּראַך. אַ זעלבסטשטענדיקע אַגיטאַציע איז געווען נייטיק. ס׳האָבן אָבער געפעלט די אַגיטאַטאָרישע כּוחות. וואָרן די יידישע רעוואָלוציאָנערן האָבן געגלייבט, אַז זיי מוזן אָוועקגעבן זייערע כּוחות אויף דעם ברייטערן און רייכערן פעלד פון רוסישער אַגיטאַציע. עס איז געווען די צייט, ווען מ׳האָט אין רוסלאַנד געגלויבט, אַז די גאַנצע פּראָ־פּאַגאַנדע מוז זיך גרופּירן אַרום דעם גרויס־רוסישן עלעמענט. שפּעטער, ווען מ׳האָט אויפ־געגעבן דידאָזיקע צענטראַליזאַציע און יעדע נאַציאָנאַליטעט האָט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אירע אייגענע כּוחות, האָט אויך אָנגעהויבן זיך וועקן אַ נײַ לעבן אין דער העבר׳ישער פּרעסע״.

ליבערמאַן איז געווען נישט בלויז דער ערשטער, וועלכער האָט פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מיזרח־יידן, נאָר ער האָט אויך געוווּסט, אַז יעדע פאָלקס־גרופּע האָט זיך אירע ספּעציפישע אייגנשאַפטן און טראַדיציעס, צו וועלכע מ׳מוז אָנבינדן דעם סאָציאַליזם, אויב מ׳וויל נישט פאַרשווענדן נוצלאָז די כּוחות. דעריבער האָט ער גענומען די אַלטע יידישע גע־שיכטע ווי אַן אויסגאַנגפּונקט פאַר זיין סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. לייענען מיר טאַקע ביי ליבערמאַנען אין נומער 16 פון רוסישן זשורנאַל „ווּפּעריאָד״:

„דאָס געמיינדע־לעבן איז פון שטענדיק אָן געווען דער יסוד פון אונדזער גאַנצער עקזיסטענץ; די רעוואָלוציע גופא איז אונדזער טראַדיציע. דאָס ווילזיין פון דער גאַנצער קהילה איז געווען דער פונדאַמענט פון דער יידישער געזעצגעבונג. לויט דער יידישער תורה ווערן אַלע חובות אָפּגעמעקט יעדע זיבן יאָר (שמיטה). אינעם הסכּם מיטן פּרינציפּ פון גלייכהייט און ברידערלעכקייט ווערט פאַרבאָטן דער פּריוואַטער פאַרקויף פון ערד (אויף שטענדיק). יעדע פופציק יאָר (יובל, נאָך זיבן שמיטות) מוז די פאַרקויפטע ערד זיך אומ־קערן צו די אָריגינעלע אייגנטימערס, אַזוי אַז דער ערד־באַזיץ האָט זיך נישט געקאָנט אָנזאַמלען ביי די רייכע און דערמיט שאַפן אַ קלאַס פון ערדלאָזע פּויערים. אונדזער עלט־סטער סאָציאַלער סיסטעם איז די אַנאַרכיע. אונדזער אמתער בונד איז איבער דער גאַנצער וועלט — דער אינטערנאַציאָנאַל. די גרויסע נביאים פון אונדזער צייט, מאַרקס, לאַסאַל און אַנדערע, האָבן זיך דערצויגן אינעם גייסט פון אונדזער פאָלק, און דורך אים האָבן זיי דערגרייכט די אינערלעכע שלימות״.

און דווקא דערפאַר, ווייל ליבערמאַן האָט דערזען דעם סאָציאַליסטישן תוך אין דער אַלטער יידישער טראַדיציע, האָט ער געהאַסט די רייכע אויבערשיכט פון זיין פאָלק מיט דער גאַנצער ליידנשאַפט פון אַ צאָרנדיקן נביא. אין זיין „אויפרוף צו דער יידישער יוגנט״ לייענען מיר:

„מיר האָבן געמוזט באַצאָלן פאַר אייערע זינד! דער ראַסנהאַס, די רעליגיעזע שינאה מיט אַלע אירע שרעקלעכע נאָכווייען זיינען אויף אונדז געפאַלן. איר האָט אָנגעצונדן דאָס פייער, וואָס פאַרברענט אונדז. אייך האָבן מיר צו פאַרדאַנקען וואָס דער נאָמען ייד איז געוואָרן אַ זידל־וואָרט. איר, מיט אייער געלט־גיריקייט, האָט נאָך טרויעריקער געמאַכט די לאַגע פונעם גאַנצן יידישן פאָלק, וואָס ליידט, צוליב אייך, נאָך מער ווי אַלע אַנדערע פעלקער. צוליב אייער שולד איז אויף אונדז געפאַלן די קללה פון פאַרלוימדונג... איר וועלט־שפּעקולאַנטן, איר האָט אונדזער נאָמען אין בלאָטע אויסגעשמירט, איר געהערט נישט צו אונדז!״

אַ חוץ די יידישע בורזשואַזיע האָט ליבערמאַן שטאַרק באַקעמפט די רבנים, ווע־מען ער האָט געהאַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צוריקגעשטאַנענקייט פון די יידי־שע פאָלקס־מאַסן אין רוסלאַנד. ער האָט באַשולדיקט די יידישע כלי־קודש, אַז זיי האָבן פאַרגעסן דאָס לעבעדיקע וואָרט פון די נביאים, און אַז אַנשטאָט צו גיין מיטן פאָלק, גייען זיי קעגן אים, און אַז זיי מאַכן אים פאַר אַ גוטן, געלאַסענעם סאָציאַלן שקלאַף. בעת די נביאים האָבן זיך איינגעשטעלט פאַרן פאָלק קעגן זיינע אונטערדריקערס, שטעלן זיך די היינטיקע רעליגיעזע פירערס איין פאַר די רייכע און העלפן זיי צו עקספּלואַטירן די אָרעמע מאַסן.

כדי ריכטיק צו פאַרשטיין ליבערמאַנס אַנטי־קלעריקאַלע שינאה, מוזן מיר געדענקען, אַז אין יענער צייט האָבן די ווילנער רבנים עפנטלעך אַריינגעלייגט אין חרם אין דער שטאָט־שול אַלע יידישע סאָציאַליסטן. ליבערמאַן האָט גוט און נאָענט געקאָנט דידאַקיעקע כלי־קודש, און זיין קוק איז געווען באַזירט אויף איי־גענער דערפאַרונג.

ווי עס ווייזט אויס, האָט ליבערמאַן, שוין אין ווילנע, זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק אַרויסצוגעבן אַן אויפרוף צו דער יידישער יוגנט. אָבער דער געהיימער קרייז, צו וועלכן ער האָט געהערט, איז אין יוני 1875 אַנטדעקט געוואָרן דורך דער פּאָליציי, און דאָס האָט דעמאָלט געמאַכט אַ סוף צו ליבערמאַנס טעטיקייט אין ווילנע. זונדעלעוויטש, יאָכעלסאָן, וויינער און ליבערמאַן האָבן זיך קוים געראַטעוועט אין אויסלאַנד. זונדעלעוויטש איז אַוועק קיין קעניגסבערג. ליבערמאַן און וויינער זיינען, נאָך אַ קורצן אויפהאַלט אין דייטשלאַנד, אָנגעקומען אין לאָנדאָן אין אוי־גוסט פונעם זעלביקן יאָר. פונקט דעמאָלט האָט פּעטער לאַווראָווס זשורנאַל „ווּפּע־ריאָד" זיך איבערגעצויגן פון ציריך קיין לאָנדאָן. אוןביידע פּליטים האָבן זיך אָן אים באַלד אָנגעשלאָסן. ליבערמאַן האָט זיך אויסגעלערנט שריפטזעצעריי, כדי שפּעטער זיך צו קאָנען באַנוצן מיט דער „שוואַרצער קונסט" אין רוסלאַנד.

דער „ווּפּעריאָד" איז דעמאָלט איבערגעגאַנגען אין די הענט פון דער אַזויגע־רופענער „פאַרייניקונג", פון וועלכער עס איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסן די רעוואָ־לוציאָנערע אָרגאַניזאַציע „זעמליאַ אי וואָליאַ". פון סמירנאָווס בריוו צו זיין פרוי אין דער שווייץ זעען מיר, אַז לויטן אָפּמאַך פון די פריערדיקע אַרויסגעבערס מיט מאַרק נאַטאַנסאָן, אַ פירנדיקער מיטגליד פון דער „פאַרייניקונג", ווערט ליבערמאַן באַשטימט אַלס זעצער, קאָרטוניסט און ליטעראַרישער מיטאַרבעטער פונעם „ווּפּע־ריאָד". אַחוץ דעם איז ער אויך באַשטימט געוואָרן אַלס רעדאַקטאָר פון אַ העברע־אישער סאָציאַליסטישער צייטשריפט, וואָס האָט געזאָלט אַרויסגיין אין לאָנדאָן אונ־טערן נאָמען „הפטיש" („דער האַמער"). ליבערמאַן האָט, ווייזט אויס, געהאַט אַ פאַרטיקן פּלאַן פאַר דער העברעישער צייטשריפט. אָבער דאָס געלט פאַר דעם צוועק, וואָס נאַטאַנסאָן האָט צוגעזאָגט אינעם נאָמען פון אַ געהיימען פּעטערבורגער קאָמיטעט, איז נישט אָנגעקומען. דעם 22סטן פעברואַר 1876 האָבן זונדעלעוויטש, גאָלדענבערג, ליבערמאַן, לינעוו און סמירנאָוו געשריבן אַ בריוו צום פּעטערבור־גער קאָמיטעט און געבעטן אַ הלוואה פון 700 רובל, וועלכע די אונטערגעשריבענע

האָבן זיך מתחיב געווען צוריקצוצאָלן אין מאָנאַטלעכע ראַטעס פון 30 רובל. אָבער אויך פון דעם איז גאָרנישט געוואָרן, און ליבערמאַן האָט דערווייל געמוזט אויפגעבן זיין פּלאַן.

בעת זיין ערשטן אויפהאַלט אין לאָנדאָן, האָט ליבערמאַן געהאַט חברישע באַציונגען מיט די דייטשע סאָציאַליסטן פונעם „קאָמוניסטישן אַרבעטער־בילדונגס פאַריין" און מיט דעם „אינטערנאַציאָנאַלן רעוואָלוציאָנערן בונד", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם באַקאַנטן פּוילישן סאָציאַליסט וואַלעריאַן ווראָבלעווסקי. אָבער זיין הויפּטטעטיקייט האָט ליבערמאַן דעמאָלט קאָנצענטרירט אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין דער לאָנדאָנער איסט־ענד. צוזאַמען מיט זיינע פריינט ל. ווינער, לאַזאַר גאָלדענבערג און עטלעכע אַנדערע האָט ער אין ווהייטשעפּל, דעם 13טן מאַי, 1876, געגרינדעט דעם „פאַריין פון יידישע סאָציאַליסטן", וועמענס תקנות זיינען דורך ליבערמאַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם נומער 37 פונעם „וופּעריאָד". דער העברעישער נאָמען, וואָס ליבערמאַן האָט געגעבן דעם פאַריין, איז געווען „אגודת הסוציליסטים העברים". דאָס איז געווען דער ערשטער פאַריין פון יידישע סאָציאַליסטן אין ענגלאַנד. לאַווראָוו און סמירנאָוו האָבן בייגעוווינט די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. פון די פיל דאָקומענטן, וואָס באַריס סאַפּיר האָט צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט אין זיין פריער דערמאָנטער אַרבעט, זעען מיר, אַז סמירנאָוו האָט זיך ספּעציעל פאַראינטערעסירט מיט דער אַרבעט פון זיינע יידישע חברים און זיי אַ סך געהאָלפן.

די מיטגלידער פונעם „פאַריין פון יידישע סאָציאַליסטן" זיינען געווען אַ גרופּע פון אינטעליגענטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך נישט בלויז באַשעפטיקט מיט שטודירן די פאַרשידענע ריכטונגען אינעם סאָציאַליזם, נאָר זיי האָבן אויך געזוכט דירעקט צו פאַרבעסערן די שרעקלעכע לאַגע פון די יידישע לאָנדאָנער אַרבעטער. שוין אויף דער צווייטער זיצונג איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן בויען יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו האָבן עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען פאַר די יידישע קרבנות פונעם שרעקלעכן לאָנדאָנער סוועט־סיסטעם, און זיי אויפצוקלערן ווי אַזוי זיי קאָנען מיט אייגענע כוחות פאַרבעסערן זייער אייגענעם שווערן גורל. דער דערפאָלג פון דידאָזיקע פאַרזאַמלונגען איז נישט געווען קיין גרויסער. די יידישע איינגעוואַנדערטע מאַסן זיינען דעמאָלט נאָך געווען פולשטענדיק אונטערן רעליגיעזן איינפלוס.

האָט מען קיין גרויסע רעזולטאַטן, נאַטירלעך, נישט געקאָנט דערוואַרטן. אָבער עס איז דאָך געגרינדעט געוואָרן אַ פאַריין פון יידישע אַרבעטער, וועלכע ליבערמאַן האָט געגעבן דעם העברעישן נאָמען „חברים כל בעלי־המלאכה". מען קאָן זאָגן, אַז דאָס איז געווען דער ערשטער יידישער געווערקשאַפטלעכער פאַריין.

באַלד נאָך דער גרינדונג פון דעם פאַריין איז ליבערמאַן אָפּגעפאָרן קיין בערלין, ווו עס האָט דעמאָלט עקזיסטירט אַ גרופּע פון רירעוודיקע יידיש־רוסישע סטודענטן, וועלכע איז געווען פאַרבונדן מיט נאָך אַ גרופּע אין קעניגסבערג און מיט דער דייטשער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ליבערמאַן איז געקומען קיין בערלין,

בדי, מיסתמא, צו פאַראינטערעסירן יענע יידישע סטודענטן אין זיין פּלאַן וועגן אַ העברעישער סאָציאַליסטישער צייטשריפט. אָבער, ווייזט אויס, ווידער איז עס נישט געלונגען. נאָך עטלעכע וואָכן קומט ער צוריק קיין ענגלאַנד, און ער באַנייט זיין טעטיקייט אויף דער לאָנדאָנער איסט־ענד. נישט לאַנג פאַר דעם האָט ער געהאַט פאַרעפנטלעכט זיין באַרימטן „אויפרוף צו דער יידישער יוגנט" („אל שלומי בחורי ישראל"), וועלכער האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן רושם אין יענע צייטן, ווייל עס איז געווען דער ערשטער סאָציאַליסטישער מאַניפעסט צו דער מיזרח־אייראָפּעישער יידישער אינטעליגענציע. דער אויפרוף איז געווען אונטערגעשריבן: „מהמתנדבים בעם לבית ישראל".

ליבערמאַנס מאַניפעסט איז געווען ענלעך צו די אויפרופן פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן צו דער שטודירנדיקער יוגנט פון יענער צייט*). ער האָט געוויזן דער יוגנט, אַז עס איז פאַלש צו האָפן צו פאַרבעסערן די שרעקלעכע לאַגע פון די פאָלקס־מאַסן דורך אַן איינפלוס אויף די מאַכט־אָרגאַנען פון דער מלוכה, כל־זמן די איצטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג בלייבט אומפאַרענדערט. ער זאָגט דאָרט:

„פּריוואַט אייגנטום איז אַ פאַקטאָר, וואָס פירט צו דעם קעגנזאַץ פון קלאַסן און שטעלט די פערזענלעכע פּריווילעגיעס העכער פון די אינטערעסן פון קהל. די רעגירונגען, וואָס זיינען געבויט אויפן פּרינציפּ פון נאַציאָנאַליזם, העצן זייערע פעלקער צו קעגנזייטיקע מילחמות. די רעליגיע האָט דעם שגעון און דעם שווינדל אַרויסגעהויבן איבער דעם געזונטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד... דער, וואָס גלויבט צו קאָנען עפּעס דערגרייכן אויף דעם־אָ וועג, דער שטעלט זיך אויף דער זייט פון די שונאים פון פאָלק... אייער צוקונפט ליגט נישט אין די אַלטע, אַמאָליקע תקנות, וועלכע האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן זייער מאָראַלישן ווערט. באַפרייט זיך פונעם חשק צו מאַכט. גיט אויף אייערע פּריווילעגיעס. בוקט זיך נישט מער צו גאָלד און מאַכט! אַוועק מיט דעם גלויבן פון פאַרגאַנגענע צייטן! באַהעפט זיך מיטן פאָלק און מיט זיינע אמתע פריינט... אַלע פעלקער גרייטן זיך צום קאַמף. דער פּראָלעטאַריאַט פאַרייניקט זיך, כדי אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון קאַפּיטאַליסטישער טיראַניי. די אונטערדריקטע מענטשהייט גרייט זיך צו צוריק צו דעראָבערן אירע רעכט און פרייהייטן. די סאָציאַלע רעוואָלוציע הייבט אויף איר פאָן און רופט: געמיינזאַמע אַרבעט! יעדער איז אַ שותף צו די סאָציאַלע עשירות. פרייע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרברידערונג פון די אַרבעטער פון אַלע לענדער. באַזייטיקונג פון יעדער געוואַלט־הערשאַפט און פון די אַלע, וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן די יושרדיקע פאָדערונגען... עס איז צייט אַז אויך די יידישע אַרבעטער־מאַסן זאָלן זיך אָנשליסן אין דער גרויסער אַרבעט פון צוריקגעווינען דאָס, וואָס די עקספּלואַטאַטאָרס האָבן צוגערויבט פונעם פאָלק... די מענטשן־פאַרברידערונג ווייסט נישט פון קיין פעלקער און שבטים; זי ווייסט בלויז פון נוצלעכע אַרבעטער און אומנוצלעכע אויסנוצערס...

*) דער אויפרוף איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן אין יולי 1876, ווי ס'שרייבט דער פאַר־שטאָרבענער היסטאָריקער אליהו טשעריקאָווער אין ערשטן באַנד פון „היסטאָרישע שריפטן" (דער היסטאָרישער סעקציע פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט), וואָס איז דערשינען אין 1929 (וואַרשע, פאַרלאַג „קולטור־ליגע") און האַלט איבער 60 קוואַרטאַ זייטן (עמודים 469—524) און ברענגט, צום ערשטן מאָל, די אויטענטישע מאַטעריאַלן, ווי פּראָטאָקאָלן, בריוו אאַז"וו. פון דעם „אָנהייב פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג" (דאָס איז דער נאָמען פון א. טשעריקאָווערס אַרטיקל). עס ווערן דאָרט אויך געדרוקט פאָטאָסטאַטן פון אינטערעסאַנטע היסטאָרישע דאָקומענטן, ווי דער שער־בלאַט פון פּנקס פון לאָנדאָנער יידישן סאָציאַליסטישן פאַריין אאַז"וו.
(אָנמערקונג פון רעד. „פר. אַרב. שט.", וווּ אָט־דער אַרטיקל איז געווען געדרוקט).

קעגן זיי זאָל דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק אויפהייבן דעם קאַמף... אייער געבילדעטקייט און געלערנטקייט האָט איר צו פאַרדאַנקען דעם פאָלק, וואָס באַצאָלט פאַר אייערע פּריווילעגיעס מיט זיינע ליידן און מיט זיין בלוט... גייט צום פאָלק און ליידט־מיט מיט אים. באַגייסטערט זיי און שטאַרקט זייערע הענט אינעם גרויסן קאַמף קעגן די שררות פון דער וועלט, קעגן די אונטערדריקערס און עקספּלואַטאַטאָרס פון דער שאַפנדיקער אַרבעט!"

דערדאָזיקער אויפרוף האָט דערגרייכט די יידישע שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד און פּוילן, און ער האָט געווונען אַ סך אָנהענגער פאַר דעם נייעם געדאַנק. ער איז געוואָרן דער אָנהויב פון אַ סאָציאַליסטישער ריכטונג אין דער העברעישער ליטעראַטור פון רוסלאַנד, ווו די צענזור אויף העברעישע ביכער איז דעמאָלט געווען נישט אַזוי שטרענג, און זייער אָפט האָט מען אין העברעיש געקאָנט זאָגן זאַכן, וואָס אין רוסיש וואָלט עס דער צענזאָר קיינמאָל נישט אַדורכגעלאָזט. אָבער דער־אָ צושטאַנד האָט זיך זייער שנעל און גרינטלעך געענדערט.

אין ענגלאַנד גופא האָט ליבערמאַנס טעטיקייט געפירט צו אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד. די ענגליש־יידישע קהילה מיט ד"ר אַדלער בראש האָט געפירט אַן אמתן קרייצצוג קעגן דעם „פאַריין פון יידישע סאָציאַליסטן". „דזשואיש קראָניקל", דער אָרגאַן פון די ענגלישע אָרטאָדאָקסישע יידן, האָט אויפגעהויבן אַ ביטערן קאַמף קעגן די „אויסלענדישע ניהיליסטן", וועלכע זיינען ספּעציעל געקומען קיין לאָנ־דאָן, כדי אונטערצוגראָבן די רעליגיעזע מאָראַל ביי די איינגעוואַנדערטע יידן און כדי אַרויסצורופן אומרוען צווישן זיי. אין די סינאַגאָגעס פון דער איסט־ענד האָט מען געוואָרנט דעם עולם קעגן די פּושעים און פאָלקס־פאַרפירערס. דער רעזולטאַט פון אַזאַ אָרגאַניזירטער העצע איז געווען, אַז עטלעכע מיטגלידער פונעם סאָציאַ־ליסטישן פאַריין האָבן פאַרלוירן זייערע אַרבעטס־פּלעצער. אַ צאָל מיטגלידער האָט אויפגעהערט צו קומען צו די וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען, מחמת מורא צו פאַרלירן זייער ברויט. די גרויסע מערהייט, אָבער, האָט זיך נישט געלאָזט טעראָריזירן; אדרבה, די רדיפות האָבן זיי, ווי עס פּאַסירט זייער אָפט, נאָך מער פאַרשטאַרקט אין זייערע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען.

אין דעצעמבער 1876 האָט ליבערמאַן פאַרלאָזן לאָנדאָן און איז אַוועק צוערשט קיין בערלין און שפּעטער קיין קעניגסבערג. דערוויילן איז אים געלונגען צו באַ־קומען אַ גרעסערע סומע געלט, וואָס האָט אים ענדלעך דערמעגלעכט אַרויסצוגעבן זיין פון לאַנג געפּלאַנטע העברעישע צייטשריפט. אין מאַי 1877 איז אין ווין דער־שינען דער ערשטער נומער פון ליבערמאַנס „האמת". לויט סמירנאָווס איבערגע־בליבענע בריוו האָט ליבערמאַן אויך געהאַט בדעה אַרויסצוגעבן סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור אין יידיש, וועלכע ער האָט געזאָלט אַריינשמוגלען קיין רוסלאַנד. פון דעם זשורנאַל „האמת" זיינען דערשינען נישט מער ווי דריי נומערן. די צייטשריפט האָט געהאַט אַ גאַנץ רייכן אינהאַלט. אַחוץ אַ סאָציאַלן ראָמאַן, פּאָעמעס, ביכער־רעצענזיעס און פּאָליטישע אַרטיקלען, האָט מען דאָרט געפונען אַזעלכע אָפּ־האַנדלונגען ווי: „וועגן דער יידנפראַגע", „דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ און זיין באַציונג צו דער געזעלשאַפט", „איינלייטונג צו דער סאָציאַלער פראַגע", „די סאָ־

ציאַלע שטעלונג פון די יידן אין אונגאַרן״, „די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט אין מיטלאַלטער״, „די יידן אין לאָנדאָן״, „מאַקיאַוועליס סיסטעם״, „לעבנס־באַשרייבונג פון יאָהאַן יאַקאָבי״ און נאָך אַנדערע אַרטיקלען פונעם זעלביקן מין.

די צייטשריפט, וועלכע איז מייִנסטנס פאַרשפּרייט געוואָרן אין רוסלאַנד, האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. דער ערשטער נומער איז אויסגעקויפט געוואָרן אין אַ קורצער צייט און די אַרויסגעבער האָבן געמוזט אָפּדרוקן אַ צווייטע אויפלאַגע. מ׳האָט באַלד געקאָנט זען, אַז דער „האמת״ האָט זיך דערוואָרבן אַ געזיכערטע עקזיסטענץ. אָבער, פּלוצים, אין פעברואַר 1878, איז ליבערמאַן אַרעסטירט געוואָרן אין ווין, ווו ער האָט געוווינט אויף אַ פאַלשן אַמעריקאַנישן פּאַספּאָרט אונטערן נאָמען אַרטור פרימאַן. דעם 11טן נאָוועמבער, אין זעלביקן יאָר, איז ער פאַרמישפּט געוואָרן צו איין חודש תפיסה. די באַשולדיקונג איז געווען „הויכפאַראַט און אויפהעצן די סלאַווישע פעלקער אין עסטרייך״. אָבער דאָך זיינען די באַווייזן קעגן דעם אָנגעקלאָגטן געווען אַזוי נישטיק, אַז מ׳האָט אים נישט געקאָנט פאַרמישפּטן צו קיין גרעסערער שטראָף.

דערווייל אָבער האָט די פּרייסישע רעגירונג געפאָדערט, אַז מ׳זאָל איר אַרויסגעבן ליבערמאַנען, ווייל זי האָט געוואָלט שטעלן צום געריכט אונטער איר נייעם „סאָציאַליסטן־געזעץ״, וואָס האָט אין משך פון 12 יאָר פולשטענדיק אונטערדריקט די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין דייטשלאַנד. די עסטרייכישע רעגירונג האָט ליבערמאַנען נישט אַרויסגעגעבן צו פּרייסן; זי האָט אים אונטער פּאָליצייִאישער שמירה געשיקט קיין בייערן. אין מינכן האָט מען אים תיכף ווידער אַרעסטירט און פון דאָרט איבערגעשיקט קיין בערלין, ווו אַ טייל פון דער רוסיש־יידישער סטודענטן־גרופּע איז שוין געזעסן אין תפיסה. אין 1879 האָט מען קעגן ליבערמאַנען צוזאַמען מיט די סטודענטן געמאַכט דעם באַרימטן „ניהיליסטן־פּראָצעס״. נאָך דעם גרויסן טומל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלץ, וואָס די אָנגעקלאָגטע האָבן געטאָן, איז געווען צו געהערן צו אַ סאָציאַליסטישער גרופּע און שמוגלען פאַרבאָטענע ליטעראַטור קיין רוסלאַנד. נאָך אַלע באָמבאַסטישע רייד, מיט וועלכע מ׳האָט צעשמירט די „גרויסע קאָנספּיראַציע״, האָט מען ליבערמאַנען באַשטראָפט צו אַכט חדשים תפיסה. אויך זיינע צוויי מיטאָנגעקלאָגטע, אַראָנסאָן און גורעוויטש, האָבן באַקומען קורצע טורמע־טערמינען.

ווען ליבערמאַן איז, אין 1879, אַרויס פון תפיסה, האָט מען אים תיכף אַרויסגעטריבן פון פּרייסן און דעפּאָרטירט קיין לאָנדאָן. הגם די עסטרייכישע און פּרייסישע געריכטן האָבן אים בסך־הכל פאַרמישפּט צו נישט מער ווי ניין חדשים, איז ליבערמאַן דאָך אָפּגעזעסן אין די תפיסות פון ביידע לענדער קנאַפּע צוויי יאָר צייט. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין לאָנדאָן, האָט ער געפונען אַ סך זאַכן פאַרענדערט. דער „פאַריין פון יידישע סאָציאַליסטן״ האָט מער נישט עקזיסטירט. אָבער די יידישע רעוואָלוציאָנערן פון דער איסט־ענד האָבן געהאַט געגרינדעט די „דריטע סעקציע פון דעם קאָמוניסטישן אַרבעטער־בילדונגס־פאַריין״, צו וועלכן עס האָבן געהערט די מייִנסטע געוועזענע מיטגלידער פונעם ערשטן פאַריין.

דער „ופּעריאָד" האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט נאָך אין 1877; זיינע אַלטע אַרויסגעבער האָבן פאַרלאָזט לאָנדאָן. ליבערמאַנס בײדע אינטימסטע חברים, צוקערמאַן, װעלכער האָט אים געהאָלפן ביים „האמת", און זונדעלעוויטש, האָבן זיך געהאַט צוריקגעקערט קיין רוסלאַנד, ווו מ׳האָט זיי אַרעסטירט און פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע אין סיביר. אמת, ער האָט געפונען אין לאָנדאָן נייע פריינט, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען מאָריס ווינטשעווסקי, וועמען ער האָט געקענט נאָך פון קעניגסבערג, פון וואַנען דאָס „סאָציאַליסטן-געזעץ" האָט אים אַרויסגעטריבן.

אָבער אין ליבערמאַנען גופא איז פאָרגעקומען אַ גייסטיקע ענדערונג. אַלע זיינע פּלענער, פאַר וועלכע ער האָט געאַרבעט מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן, מיט זיין גאַנצער עקשנותדיקער ווילנסקראַפט, זיינען צערונען געוואָרן. און ער האָט נישט געזען קיין שום מעגלעכקייט ווידער אָנצוהייבן אויפסניי. דורך דער לאַנגער געפאַנגענשאַפט האָט ער פאַרלוירן אַלע אינערלעכע באַציונגען מיט דער רוסישער באַוועגונג. די פּאַרטיי פון די „באַראָדניקעס" האָט זיך געהאַט געשפּאָלטן אין צוויי לאַגערן: די אָנהענגער פונעם „טשאָרני פּערעדיעל" און די גרופּע „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וועלכע האָט געפּריידיקט און פּראַקטיצירט פּאָליטישן טעראָר קעגן צאַריזם. פאַר ליבערמאַנען איז געווען שווער צו געפינען זיין פּלאַץ אין דערדאָזיקער פאַרענדערטער סיטואַציע; ער האָט נאָך געהערט צו דער אַלטער שול, וועלכע האָט נישט געוואָלט מקריב זיין דעם סאָציאַליזם צו דער פּאָליטיק; ער האָט געזען, אַז דורך דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַס" קאַמף פאַר אַ רוסישער קאָנסטיטוציע, שטופּט זי די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד אויף אַלטע, אויסגעפאָרענע פּאָליטישע וועגן. און דאָך איז די־אַ באַוועגונג געווען די איינציקע, וועלכע האָט געקאָנט רעכענען אויף אַ באַלדיקן ניצחון. דעריבער טאַקע האָט זי איינגעשלונגען אַלע אַנדערע סאָציאַליסטישע ריכטונגען. ליבערמאַן האָט דאָס קלאָר משיג געווען. און אַזוי ווי ער האָט געהאַט בדעה צוריקצופאָרן קיין רוסלאַנד, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט צו אַרבעטן אין דער נייער ריכטונג, כדי צו קאָנען טאָן עפּעס פאַרן סאָציאַליזם. דער־אַ באַשלוס האָט אין אים גורם געווען אַן אינערלעכע אידעאָלאָגישע פּלוגתא; זיין סאָציאַליסטישע נשמה איז געווען סתירהדיק געשפּאָלטן אין צווייען. אין זיינע דעמאָלדיקע בריוו צו סמירנאָוון דערציילט ליבערמאַן אויספירלעך וועגן זיין שווערן נשמה-קאַמף.

בעת זיין צווייטן אויפהאַלט אין לאָנדאָן האָט ליבערמאַן ווידער אָנגעקניפּט זיינע באַציונגען מיט די דייטשע סאָציאַליסטן. ער האָט אָפּט געהאַלטן רעפעראַטן פאַר די דייטשע מיטגלידער פון דער ערשטער סעקציע פונעם „קאָמוניסטישן אַרבעטער בילדונגס-פאַריין". ער האָט געשריבן אונטער אַ פּסעוודאָנים אָריגינעלע אַרטיקלען און איבערזעצונגען פון רוסיש פאַר יאָהאַן מאָסטס „פרייהייט", וואָס האָט אין 1879 אָנגעהויבן צו דערשיינען אין לאָנדאָן. ער האָט דעמאָלט געוווינט אין דער לאָנדאָנער איסט-ענד און ער איז געשטאַנען אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט די יידישע סאָציאַליסטן. אָבער זיין לאָנדאָנער טעטיקייט האָט אים מער נישט באַפרידיקט. ער האָט, דורך זיין פריינט יאָכעלסאָן, זיך אָנגעבאָטן צו טאָן אַרבעט אין

רוסלאַנד פאַר דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״. אָבער דער טעראָריסט ל. האַרטמאַן האָט איבערגעשיקט קיין רוסלאַנד אַן אומגינסטיקן באַריכט וועגן ליבערמאַנען, וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר נישט פּאַסיק צו טאָן דאָרט געהיימע אַרבעט. דאָס האָט געמאַכט אַ סוף צו ליבערמאַנס לעצטן חלום. הגם ער איז נאָך קיין פערציק יאָר נישט אַלט געווען האָט דאָס לעבן אין זיינע אויגן פאַרלוירן יעדן זין. אין אויגוסט אָדער אין סעפּטעמבער 1880 האָט ער פאַרלאָזט לאָנדאָן און איז אַוועק קיין אַמע־ריקע. דאָ האָט ער זיך געפילט נאָך מער פרעמד. ער איז געווען אין קריג מיט זיך גופא און מיט זיין נייער סביבה. אין נאָוועמבער פונעם זעלביקן יאָר האָט ער אין סיראַקיוז, נ. י., געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן.

## ליבערמאַנס נאָכגייער

דער ערשטער פּרווו אויפצוקלערן די לאָנדאָנער יידישער אַרבעטער איז געווען נישט אַזוי דערפאָלגרייך. ליבערמאַן מיט זיינע חברים האָבן מיט זייער סאָציאַליס־טישער פּראָפּאַגאַנדע זיך אָנגעשטויסן אויף אַן עקשנותדיקן ווידערשטאַנד מיצד די פון צאַרישן תחום־המושב איינגעוואַנדערטע יידישע בעלי־מלאכות, וועמענס רעליגיעזע טראַדיציעס און קולטורעלע צוריקגעשטאַנענקייט האָבן געווירקט ווי שטאָלענע פאַנצערס קעגן די נייע געדאַנקען. אַ חוץ דעם האָבן די ענגלישע אָרטאָ־דאָקסישע יידן אָנגעפירט אַן אָפענעם קאַמף קעגן די פאַרשפּרייטערס פון נייע אידעען. פונדעסטוועגן איז יענער ערשטער פּרווו געווען נישט אינגאַנצן אומזיסט. וואָרן פון דעמאָלט אָן איז די לאָנדאָנער איסטענד קיינמאָל נישט געבליבן אָן אַ געזונטן יאָדער פון איבערצייגטע סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן פאָרגעזעצט די אַרבעט, וואָס ליבערמאַן און זיינע חברים האָבן געהאַט אָנגעהויבן. אמת, דער „אגודת הסו־ציאַליסטים העברים" איז נאָך עטלעכע יאָר לעבן אונטערגעגאַנגען. אָבער אויף זיין אָרט איז אַנטשטאַנען די שוין פריער דערמאָנטע „דריטע סעקציע פון קאָמוניסטישן אַרבעטער בילדונגס־פאַריין", פון וועלכן עס איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסן דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־בילדונגס־קלוב" אויף בערנער סטריט.

צום סוף פונעם יאָר 1879 איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן אַ באַגאַבטער יונגער סאָ־ציאַליסט מיטן נאָמען מאָריס ווינטשעווסקי. ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט הינטער זיך אַ סאָציאַליסטישע פאַרגאַנגענהייט. זיין אמתער נאָמען איז געווען ל. בענעדיקט, אָבער באַקאַנט איז ער געווען אונטער זיין פען־נאָמען.

ווינטשעווסקי איז געבוירן געוואָרן אין 1856 ביי פרומע עלטערן אין אַ קליין שטעטל יאַנאָוואָ ביי קאָוונע. אין 1875 איז אים צופעליק אַריינגעפאַלן אין די הענט ליבערמאַנס באַרימטער אויפרוף „אל שלומי בחורי ישראל". פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן אַ סאָציאַליסט אויף זיין גאַנץ לעבן לאַנג. ער האָט פאַרלאָזן רוסלאַנד אין 1877 און זיך באַזעצט אין קעניגסבערג, ווו עס האָט דעמאָלט עקזיסטירט אַ זייער ענערגישע גרופּע פון רוסיש־יידישע סטודענטן. נאָך ליבערמאַנס אַרעסט האָט ווינטשעווסקי געגרינדעט דעם העברעישן חודש־זשורנאַל „אסיפת חכמים". אָבער ווען ביסמאַרקס סאָציאַליסטן־געזעץ האָט אין 1875 אַרויפגעלייגט זיינע לאַפּעס אויף גאַנץ דייטשלאַנד, איז אויך ווינטשעווסקי אַרעסטירט געוואָרן אין

קעניגסבערג. די פּרייסישע פּאָליציי האָט דעמאָלט געהאַט בדעה צו פאַרוויקלען ווינטשעווסקין אין דעם באַקאַנטן בערלינער „גיהיליסטן"־פּראָצעס. אָבער נאָכדעם ווי מ'האָט אים אָפּגעהאַלטן עטלעכע חדשים אין תפיסה, איז ער באַפרייט געוואָרן צוליב מאַנגל אין באַוויזן. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אים אַרויסגעטריבן פון פּרייסן. און ווען ער איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן האָט ער זיך תיכף אַריינגעוואָרפן אין סאָציאַליסטישער אַרבעט.

ווינטשעווסקי איז געווען אַ מענטש מיט אַ קלאָרן קאָפּ און מיט אַ ספּעציעלן טאַלאַנט מסביר צו זיין סאָציאַליסטישע אמתן אָן שום טעאָרעטישע חקירות, אויף אַ גאַנץ לייכט־פאַרשטענדלעכן אופן, אַזוי אַז זיינע געדאַנקען האָבן זיך גרינג איינ־געקריצט אין די מוחות פון זיינע לייענערס. זיין שטאַרקסטער כוח איז געווען זיין גרויס פּאָלקסטימלעכקייט. אַ חוץ דעם האָט ווינטשעווסקי געהאַט נאָך אַ גרויסע מעלה: להיפוך די יידישע שרייבערס פון יענעם פּעריאָד, ווען יידישע ליטעראַטן האָבן אויך געמוזט זיין די בויערס פון זייער אייגן לשון, האָט ווינטשעווסקי נישט איבערגעלאָדן זיין שפּראַך מיט דייטשמעריזמען. ווינטשעווסקי איז געווען פון די געציילטע יידישע שרייבערס, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז דאָס גע־שריבענע וואָרט מוז זיין נאָענט צום גערעדטן וואָרט פונעם פּאָלק. די סאַמע טעמעס וואָס ווינטשעווסקי האָט אויסגעקליבן פאַר זיין שרייבן האָבן אים געשטופּט אויפן וועג פון פּאָלקסטימלעכקייט, סיי אין אינהאַלט, סיי אין פאָרעם. זיינע „צעדרייטע גע־דאַנקען פון אַ משוגענעם פילאָזאָף", וועלכע זיינען שפּעטער רעגולער דערשינען אינעם לאָנדאָנער „אַרבעטער־פריינד" און וועלכע זיינען אָפט געשריבן געוואָרן אין אַ פאָרעם פון אַ שמועס צווישן אַ זיידן מיט זיין אייניקל, האָבן פשוט אַנדערש נישט געקאָנט געשריבן ווערן ווי אינעם פּאָלקס אייגענעם נוסח. דאָס איז געווען דעם „משוגענעם פילאָזאָפס" גרויסע מעלה. און נאָך גרעסער איז געווען זיין צושטייער צו דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מיזרח־אייראָפּעישע יידן אין דעמאָלטדיקן ענגלאַנד.

אין 1884 האָט ווינטשעווסקי געמאַכט דעם ערשטן פּרוּוו צו גרינדן אַ יידישע סאָציאַליסטישע צייטונג אין לאָנדאָן. צוזאַמען מיט זיין חבר א. ראַבינאָוויטש האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן „דער פּוילישער אידל", וואָס איז געווען די ערשטע סאָ־ציאַליסטישע צייטשריפט אין יידיש. די צייטונג האָט באַלויכטן די טעגלעכע געשע־ענישן פונעם סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט; זי האָט אויך געגעבן פּאָלקסטימלעכע אָפּהאַנדלונגען איבער פאַרשידענע פראַגעס אין אַ לייכטער, פאַר די לייענערס צו־געוועגלעכער שפּראַך. לכתחילה האָט די צייטונג געזאָלט דערשיינען יעדע וואָך, אָבער צוליב דוחק אין געלט איז זי דערשינען אומרעגולער. בסך־הכל זיינען דערשינען 17 נומערן אין משך פון 9 חדשים. אין אַ יאָר שפּעטער איז געמאַכט געוואָרן אַ צווייטער פּרוּוו אַרויסצוגעבן אַ יידישע סאָציאַליסטישע צייטשריפט; און דאָס מאָל, הגם די שוועריקייטן זיינען געווען דיזעלביקע, איז די אונטערנעמונג געקרוינט געוואָרן מיט אַ גרעסערן דערפאָלג.

דעם 15טן יולי 1885 איז דערשינען דער ערשטע נומער „אַרבייטער־פריינד",

אַ קליין, אַכט־זייטיק חודש־זשורנאַלעכל. די מיינסטע יונגעלייט, וואָס האָבן געהאָלפן גרינדן דעם זשורנאַל, זיינען אָנגעקומען קיין לאָנדאָן אינעם אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן. צווישן זיי זיינען געווען פ. קראַנץ, ב. רודערמאַן, וו. וועסס, ס. פרימאַן און ל. רוטענבערג. שפּעטער זיינען צוגעקומען י. פרידענטאַל, ה. קאַפּלאַנסקי, אַ קיסליוק און עטלעכע אַנדערע. כימעט אַלע זיינען געווען אַנאַרכיסטן אָדער זייער נאָענט צום אַנאַרכיסטישן געדאַנק. דער איינציקער איבערצייגטער סאָציאַלדעמאָקראַט אין יענעם קרייז איז געווען פיליפּ קראַנץ. און ער איז אויך געווען דער איינציקער, אַחוץ ווינטשעווסקין, וועלכער איז געווען פעיק איבערצונעמען די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל. די אַנדערע האָבן דעמאָלט נאָך נישט געהאַט די נייטיקע פעיקייטן דערצו. אויף ווינטשעווסקיס פאָרשלאָג איז קראַנץ געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט, הגם קראַנץ האָט דעמאָלט געקאָנט זייער ווייניק יידיש.

פיליפּ קראַנץ (זיין אמתער נאָמען איז געווען יעקב ראָמבראָ) איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל אין פּאָדאָליער גובערניע אינעם יאָר 1858. ער האָט פאַרלאָזט רוסלאַנד אין 1881 און אַוועק קיין פּאַריז, ווו ער האָט שטודירט עטלעכע יאָר. זיין ליטעראַרישע קאַריערע האָט ער אָנגעהויבן אַלס מיטאַרבעטער פון רוסישע צייטשריפטן. ערשט ווען ער איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן האָט אים ווינטשעווסקי צוגערעדט צו שרייבן יידיש. קראַנצס ערשטער יידישער אַרטיקל, וועגן די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, איז דערשינען אין „פּוילישן אידל".

דער „אַרבייטער־פריינד" איז צוערשט דערשינען ווי אַן אומפּאַרטייאישער זשורנאַל, אין וועלכן אַלע סאָציאַליסטישע ריכטונגען האָבן געקאָנט קומען צום וואָרט. די אינערלעכע סתירות צווישן די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען זיינען דעמאָלט נאָך נישט געווען אַזוי בולט צווישן די רוסיש־יידישע אימיגראַנטן אין לאָנדאָן. און כל־זמן יעדע ריכטונג האָט פריי געקאָנט אַנטוויקלען אירע געדאַנקען, איז מעגלעך געווען אַ געמיינשאַפטלעכע צוזאַמענאַרבעט אַרום דעם זשורנאַל. די צוזאַמענאַרבעט איז דערמעגלעכט געוואָרן אויך דורכדעם, וואָס די יידישע אַנאַרכיסטן זיינען דעמאָלט געשטאַנען מיט ביידע פיס אויפן שטאַנדפּונקט פונעם עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם, און זייערע חלוקי־דעות מיט די סאָציאַלדעמאָקראַטן זיינען געווען הויפּטזאַכלעך אַרום די שלוסן, וועלכע מ׳דאַרף ציען פון דער מאַרקסיסטישער געשיכט־אויפפאַסונג. אויך די פראַגע וועגן צענטראַליזאַציע און פּאַרלאַמענטאַריזם, וואָס האָט געפירט צו אָפענע שפּאַלטונגען און די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען פון אַלע לענדער זינט די טעג פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט פאַר די לאָנדאָנער סאָציאַליסטישע אימיגראַנטן געהאַט נישט מער ווי אַ טעאָרעטישע באַדייטונג, וואָרן זיי האָבן אפילו נישט געטראַכט וועגן ווערן ענגלישע בירגער. צו ווערן אַ בירגער אין אַמעריקע איז געווען אַ לייכטע זאַך. אָבער ענגלישע בירגערשאַפט איז געווען פאַרבונדן מיט אַ סך שוועריקייטן און גרויסע געלט־קאָסטן. דעריבער זיינען די יידישע אימיגראַנטן אין ענגלאַנד פאַרבליבן אויסלענדער מיט זייער אייגענעם לעבנסשטייגער, מיט זייער אייגן לשון און אָנגעוויזן אויף זייערע אייגענע כוחות.

אויך די פראַגע פון פּאָליטישער צענטראַליזאַציע, וואָס איז געווען איינע פון די ברענענדיקסטע ביי די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די מערב־אייראָפּעישע לענדער, האָט נישט געהאַט קיין שום פּראַקטישע באַדייטונג פאַר די יידישע סאָציאַליסטישע אימיגראַנטן פון מיזרח־אייראָפּע. זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום געשלאָסענע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי מיט אַ צענטראַליסטישן אַפּאַראַט. זיי האָבן געהאַט בלויז לויזע גרופּעס, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע געפירט אויף פאַרשידענע אופנים. אמת, עס זיינען שוין דעמאָלט פאָרגעקומען הייסע טעאָרעטישע דעבאַטעס צווישן די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, אָבער אַזוי ווי די וויכוחים האָבן נישט געפירט צו קיין דירעקטע פּראַקטישע רעזולטאַטן, איז געווען לייכט בייצוקומען די אינערלעכע סתירות. נאָך לייכטער איז עס געווען דערפאַר, ווייל די אַנטאַגאָניסטן זיינען געווען אַזעלכע מענטשן ווי ווינטשעווסקי און זיינע נאָענטערע חברים, וועלכע זיינען געווען נישט קיין פרומע סאָציאַלדעמאָקראַטן; זייער אַרבעט איז געווען אונטערצושטרייכן די קרובהשאַפט פון די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, און נישט אַרויסצוברענגען זייערע טעאָרעטישע חלוקי־דעות.

אונטער אָט־די שווערע אומשטענדן איז געבוירן געוואָרן דער לאָנדאָנער „אַרבייטער־פריינד". ווי אַ מאָטאָ פאַר דער צייטשריפט האָבן די אַרויסגעבערס אויסגעקליבן די טיפּזיניקע ווערטער פון דעם באַרימטן תנא הלל, וועלכער זאָגט אינעם ערשטן פּרק פון פּרקי אבות: „אם אין אני לי, מי לי; וכשאני לעצמי, מה אני?" די גרינדער האָבן אָן שום ספק געהאַט בדעה צו פּראָפּאַגאַנדירן די סאָציאַליסטישע געדאַנקען צווישן די לאָנדאָנער יידישע אַרבעטער. אָבער אין די ערשטע צייטן האָט דער נייער אָרגאַן אַרויסגעוויזן וויניק פעיקייטן צו דערפילן זיין אויפגאַבע. די שפּראַך איז געווען צו שווער פאַר דעם פּשוטן לייענער; דער אינהאַלט איז געווען צו דאָקטרינעריש און נישט פּאַסיק פאַר די צוריקגעשטאַנענע יידישע מאַסן. און גראָד די פראַגע, אין וועלכער די יידישע אַרבעטער זיינען געווען אַמבלוטיקסטן פאַראינטערעסירט — די פראַגע פון טרייד־יוניאָנס — איז נישט בלויז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן, נאָר פּשוט באַטראַכט געוואָרן ווי אומוויכטיק און אפילו שעדלעך פאַרן סאָציאַליזם. די גורמים פון דערדאָזיקער משונהדיקער שטעלונג זיינען געווען פּיליפּ קראַנץ מיט זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער, וועלכע האָבן זייער שטאַרק געהאַלטן פון לאַסאַלס טעאָריע וועגן „אייזערנעם לוינגעזעץ", לויט וועלכן יעדע לוינהעכערונג, וואָס די אַרבעטער קעמפן אויס פאַר זיך אונטערן קאַפּיטאַליזם, ווערט תיכף אַנולירט דורך אַ באַלדיקער העכערונג אויף דעם אַרבעטערס לעבנסמיטל. אַזוי אַז וויפל הוספות דער אַרבעטער זאָל נישט געווינען, בלייבט זיין לעבנססטאַנדאַרד אַלץ נידעריק, מחמת נאָך יעדער לוינהעכערונג וואַקסט דער יקרות אויף זיינע באַדערפעענישן. דעריבער זיינען טרייד־יוניאָנס נישט בלויז אַרויסגעוואָרפענע מי, נאָר פּשוט פאַרפירעריש.

קראַנץ האָט נישט בלויז פאַרזען די דערציערישע און מאָראַלישע ווירקונג פון טרייד־יוניאָנס, נאָר ער האָט אפילו, ווייזט אויס, קיין שום השגה נישט געהאַט, אַז

ניִשט קיין קלענערער סאָציאַליסט ווי מאַרקס האָט נאָך מיט צוואַנציק יאָר פריער געהאַט אויפגעקלערט דעם טעות פון לאַסאַלס „אייזערנעם לוינגעזעץ", און זיך אַרויסגעזאָגט פאַר טרייד־יוניאָנס. וואָרן הגם עס איז אמת, אַז בלויז דורך לוינ־קאַמפן וועט מען ניִשט קאָנען לייזן די סאָציאַלע פראַגע און אַז בדרך־כלל פאַר־דינט דער אַרבעטער ניִשט מער ווי עס איז נויטיק אויפצוהאַלטן זיין לעבן, איז אָבער אויך אמת, אַז זיינע לעבנסבאַדערפענישן מוזן ניִשט בלייבן שטענדיק דיזעלבע; זיי קאָנען וואַקסן צוזאַמען מיט זיינע פאָדערונגען לגבי דעם לעבן. מ׳דאַרף בלויז פאַרגלייכן דעם לעבנסטאַנדאַרד פון די אַרבעטער אין די ערשטע יאָרן פונעם קאַפּיטאַליזם מיט דעם ניוואָ פון דעם אַרבעטערס באַדערפענישן אין די שפּעטער־דיקע יאָרן, כדי צו זען די ריכטיקייט פון דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט.

לאַסאַל און זיינע חסידים אין דייטשלאַנד האָבן אין משך פון לאַנגע יאָרן שטאַרק באַקעמפט די דאָרטיקע טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג, אין וועלכער זיי האָבן געזען דעם גרעסטן שטער פאַר זייער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. די־אָ שטעלונג האָט גורם געווען, אין 1872, דאָס פונאַנדערלאָזן פון יענע טרייד־יוניאָנס, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון אַזעלכע לאַסאַליאַנער ווי קאַרל טעלקע, וועל־כער איז געווען צופרידן זיך צו באַפרייען פון דעם „אומנייטיקן באַלאַסט". שפּעטער אָבער האָבן די ניכטערע פאַקטן פונעם פּראַקטישן לעבן גובר געווען די אויסגעפּיל־פּולטע חכמות פונעם „אייזערנעם לוינגעזעץ".

אָבער די פאַרשפּעטיקטע לאַסאַליאַנער, ווי פיליפּ קראַנץ און זיינע חברים, האָבן זיך נאָך דעמאָלט שטאַרק איינגעשטעלט פאַר לאַסאַלס טעאָריע. לייענען מיר טאַקע אינעם ערשטן נומער פונעם „אַרבייטער־פריינד" אַן אַרטיקל אונטערן קעפּל: „טרייד־יוניאָניזם און סאָציאַליזם" פון י(צחק) ס(טאָון), וועלכער פירט אויס אַזוי: „מיט איין וואָרט: די טרייד־יוניאָנס קאָנען היינט ברענגען די אַרבעטער זייער ווייניק נוצן; זיי האָבן אפילו אַ דירעקט שעדלעכעווירקונג דורכדעם, וואָס זיי פירן אַראָפּ דעם ענגלישן אַרבעטער פונעם ריכטיקן וועג, וועלכער פירט צום סאָציאַליזם". און אינעם צווייטן נומער האָט קראַנץ אַליין אָנגעשריבן אַן עדיטאָריאַל וועגן דעם „אייזערנעם לוינגעזעץ". פאַררופנדיק זיך אויף לאַסאַלן, פּרוווט ער באַווייזן, אַז אונטער דעם קאַפּיטאַליזם קאָן דער אַרבעטער קיינמאָל ניִשט פאַרדינען מער „ווי ער נייטיקט זיך כדי צו קאָנען באַצאָלן פאַר זיינע נויטווענדיקסטע לעבנסמיטלען, דאָס הייסט, ניִשט מער און ניִשט ווייניקער וויפל מענטשן מוזן האָבן כדי ניִשט צו שטאַרבן פון הונגער". קראַנץ האָט דעמאָלט געשריבן אַ גאַנצע סעריע אַרטיקלען וועגן ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, אָבער ער האָט קיין איין וואָרט ניִשט דערמאָנט וועגן דעם באַשלוס פונעם באַזעלער קאָנגרעס (1869) אונטערצושטיצן די טרייד־יוניאָנס, מחמת זיי וועלן שפּילן אַן אַנטשיידנדיקע ראָל אין דעם אויפבוי פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

פאַרשטייט זיך, אַזאַ שטאַנדפּונקט האָט ניִשט דערמוטיקט צו גרינדן טרייד־יוניאָנס צווישן די יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן. אַחוץ דעם זיינען דעמאָלט כמעט אַלע סאָציאַליסטן געווען טיף איבערצייגט, אַז היינט־מאָרגן ברעכט אויס די סאָציאַלע

רעוואָלוציע. איז ווער וועט זיך דאָס גיין פאַרנעמען מיט אַזעלכע זאַכן ווי בויען טרייד־יוניאָנס, וועלכע האָבן סיי־ווי קיין שום דירעקטע שייכות נישט מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אָבער אויך אין לאָנדאָן האָבן פּראַקטישע באַדערפעניש פונעם טעגלעכן לעבן אַרויפגעצוווּנגען אַן ענדערונג אין דער־אַ שטעלונג.

פון אָנהויב האָט דער „אַרבייטער־פריינד" נישט געהאַט קיין סך מיטאַרבעטער. אַחוץ דעם רעדאַקטאָר פיליפּ קראַנץ, האָבן דאָרט רעגלמעסיק געשריבן מאָריס ווינטשעווסקי און י. סטאָון. עס פלעגן אויך צייטנווייז אַריינקומען קאָרעספּאָנדענ־ציעס פון דער פּראָווינץ און פון אַמעריקע. אין דעם פינפטן נומער ערשט אין דער־שינען אַן אַרטיקל „וואָס איז אַנאַרכיע?" פון י. יאַפּע, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט אין פּאַריז. יאַפּע איז באַלד געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. און ווען ער איז אין 1887 אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, איז ער געוואָרן מיטרעדאַקטאָר פונעם „אַרבע־טער־פריינד".

אין משך פון די ערשטע צוויי יאָר איז יאַפּע געווען כימעט דער איינציקער, וואָס האָט געשריבן אויף ריין־אַנאַרכיסטישע טעמעס. ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיינען צוגעקומען עטלעכע נייע אַנאַרכיסטישע מיטאַרבעטער: סיימאָן פרימאָן און הערי קאַפּלאַנסקי, צוויי יונגע, אינטעליגענטע אַרבעטער, וועלכע האָבן געשפּילט אַן אַקטיווע ראָל, ספּעציעל אין די ערשטע יאָרן, אין דער לאָנדאָנער יידישער אַר־בעטערבאַוועגונג. אַביסל שפּעטער האָבן אָנגעהויבן דערשיינען אַרטיקלען פון ש. יאַנאָווסקי און מיכאל קאַן. דער שיקאַגער יוסטיץ־מאָרד אין 1887 האָט גורם געווען מער אַנאַרכיסטישע אָפּהאַנדלונגען אינעם „אַרבייטער־פריינד". די רעדעס פון די אָנגעקלאָגטע פאַרן געריכט, די טעטיקייט פון די שיקאַגער אַנאַרכיסטן אין דער יונגער אַמעריקאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג, זייערע לעצטע בריוו פאַרן טויט, וועלכע זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער צייטשריפט, האָבן, אָן שום ספק, אַ סך מיטגעהאָלפן אַרויסצורופן אַ גרעסערן אינטערעס פאַרן אַנאַרכיזם צווישן די לאָנ־דאָנער יידישע אַרבעטער.

אין פעברואַר 1885 האָט די יונגע יידישע ראַדיקאַלע באַוועגונג אין דער לאָנ־דאָנער איסטענד זיך איינגעשאַפט אַן אייגענע היים, דעם „אינטערנאַציאָנאַלן אַרבע־טער־בילדונגס־קלוב" אויף בערנער גאַס. דערדאָזיקער קלוב האָט איבערגענומען דאָס אַרויסגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד" פון צוועלפטן נומער אָן. דער קלוב איז יאָרן לאַנג געווען דער מיטלפּונקט פון מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע און פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די יידישע חברים. דער קלוב האָט געשפּילט אַ באַדייטנ־דיקע ראָל ביים אָנהויב פון דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד. דער בערנער סטריט קלוב, ווי מ'האָט אים גערופן, איז אויך באַזוכט געוואָרן פון אַ סך רוסישע, פּוילישע און חברים פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן; ער איז אויך געווען פאַרבונדן מיט די רעוואָלוציאָנערע קלובן פון דער לאָנדאָנער מערב־זייט. אויך די ענגלישע חברים פון דעם „מאַיל ענד ברענטש" פון דער „סאָ־שעליסט ליג" פלעגן רעגלמעסיק האָבן זייערע פאַרזאַמלונגען אינעם סטריט קלוב. די ענגסטע פאַרבינדונג איז אָבער געווען מיט די דייטשע חברים, וועלכע האָבן אַ סך

מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע אינעם קלוב. די יידישע סאָציאַליסטן האָבן דעמאָלט געהאַט זייער ווייניק פעיקע רעדנערס. קראַנץ און ווינטשעווסקי זיינען נישט געווען קיין רעדנער־טאַלענטן. די יונגע חברים, ווי ס. פּרימאַן, ה. קאַפּלאַנסקי, וו. וועס און אַנדערע, האָבן גאַנץ גוט געקאָנט נעמען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין די וועכנטלעכע דיסקוסיעס, אָבער עס האָט זיי דעמאָלט געפעלט דער כוח צו האַלטן אַליין אַ גאַנצן רעפעראַט. איז אויסגעקומען, אַז אין משך פון די ערשטע צוויי יאָר האָט דער קלוב געהאַט מער דייטשע ווי יידישע רעדנערס. די דייטשע אַנאַרכיסטן ס. טרונק און אָ. רינקע זיינען געווען אָפטע און גערנגעזעענע געסט אינעם בערנער סטריט קלוב. אויך דער בעלגישער אַנאַרכיסט וויקטאָר דאַווע און דער עסטרייכישער חבר י. נאָוואָטני, דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט פ. גיללעס, די סאָציאַליסטישע קעמפערין פאַר פרויען־רעכט פאַן שאַק, דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַט ראַקאָוו און אַ סך אַנדערע האָבן אויך גערעדט אינעם בערנער־סטריט־קלוב.

דער ערשטער יאָרגאַנג „אַרבייטער־פריינד" האָט נישט זייער באַפרידיקט די גרופּע, וואָס האָט די צייטשריפט אַרויסגעגעבן. די אַרויסגעבערס האָבן געוואָלט האָבן אַן אמתן קאַמפסאָרגאַן וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט די טעגלעכע נויטן פון די אַרבעטער. דערויף איז דאָס קליינע בלעטל, וואָס איז דערשינען איינמאָל אַ חודש, געווען לגמרי אומפּאַסיק. דעריבער טאַקע האָט מען שוין אין זומער 1886 אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַרויסגעבן די צייטונג וועכנטלעך. דאָס איז אָבער געווען אַ שווערע אויפגאַבע. וואָרן נישט געקוקט אויף דער אומבאַגרענעצטער קרבנות־גרייטקייט מיצד די חברים אַרום דער צייטונג, זיינען די פינאַנציעלע מיט־לען געווען זייער שוואַכע. אָבער די באַגייסטערונג פון דער קליינער גרופּע אַרויס־געבערס און די איבערגעבנקייט פון די נאָענטע חברים האָבן סוף־כל־סוף גובר געווען אַלע שוועריקייטן. פון דעם פינפטן נומער פונעם צווייטן יאָרגאַנג האָט דער „אַרבייטער־פריינד" אָנגעהויבן צו דערשיינען יעדע וואָך. פון דעמאָלט אָן האָט זיך אויך לחלוטין געענדערט דער טאָן און דאָס לשון פון דער צייטשריפט, וועלכע איז געוואָרן פאָלקסטימלעכער אין פאָרעם און פּילזייטיקער אין אינהאַלט. און דער רעוואָלוציאָנערער גייסט פון דער צייטשריפט האָט דערפון נישט געליטן. די כסדר וואַקסנדיקע צאָל לייענערס איז געווען דער בעסטער סימן, אַז מ'האָט אָנגעשלאָגן דעם ריכטיקן טאָן.

די אומדערמידלעכע פּראָפּאַגאַנדע אין וואָרט און שריפט האָט באַלד געפונען דעם געהעריקן אָפקלאַנג צווישן די יידישע אַרבעטערמאַסן אין ענגלאַנד. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די ערשטע בולטע סימנים פון אַ זעלבסטשטענדיקער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג. די ציגאַרעטן־מאַכערס, סטאָליערס, שפּאַציר־שטעקן־מאַכערס, שוסטערס און שניידערס האָבן פאָרמירט קליינע סינדיקאַטן אין לאָנדאָן. אויך אין דער פּראָווינץ איז געשען דאָסזעלביקע; ספּעציעל אין לידז, ווו די יידישע סאָציאַליסטן האָבן געהאַט געגרינדעט אַן „אַרבעטער־בילדונגס־פאַריין" און ווו עס איז שפּעטער געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער ערשטער און, אין יענע צייטן,

שטאַרקסטער יידישער שניידער־יוניאָן. אויך אין גלאַזגאָו און אין ליווערפּול, און שפּעטער אין האַלל און אין מאַנטשעסטער, און אפילו אין פּאַריז, האָבן זיך געגרינ־דעט סאָציאַליסטישע פאַריינען, וואָס זיינען געשטאַנען אין נאָענסטער פאַרבינ־דונג מיטן „אַרבייטער־פריינד".

אין דעצעמבער 1887 האָט דער „אַרבייטער־פריינד" באַקומען אַ נייעם פעיקן מיטאַרבעטער. דאָס איז געווען ב. פייגענבוים, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט אין אַנטווערפּן, פונוואַנען ער האָט רעגולער צוגעשיקט זיינע אַרטיקלען.

ב. פייגענבוים איז געבוירן געוואָרן אין 1860, אין וואַרשע, ביי חסידישע על־טערן. שוין אין זיין פריסטער יוגנט באַפרייט ער זיך פון דער רעליגיע, אין וועלכער ער איז דערצויגן געוואָרן, און ער ווערט אַן אָפענער אפיקורס. אין 1884 וואַנדערט ער אויס קיין בעלגיע, וווּ ער באַקענט זיך צום ערשטן מאָל מיט סאָציאַליסטישע אידעען. זיינע ערשטע אַרטיקלען אינעם „אַרבייטער־פריינד" זיינען געווען איבער דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין בעלגיע. אָבער דער הויפּט־כוח פייגענבוימס איז געלעגן אין זיין פאָלקסטימלעכער קריטיק קעגן דער יידישער רעליגיע. ער איז געווען אַ טאַלאַנטפולער און וויציקער זשורנאַליסט מיט אַ לייכט און פליסיק לשון, און ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי אונטערצוגראָבן די אַלטע רעליגיעזע דאָגמעס און טראַדיציעס, און דערמיט צוצוגרייטן זיינע לייענערס פאַר פרייערע געדאַנקען. ער האָט נישט אַדורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט אויפצו־קלערן די יידישע אַרבעטער די באַדייטונג און דעם מקור פון די יידישע רעליגיעזע דינים און מינהגים און צו פאַרגלייכן זיי מיט די העכערע פּרינציפּן פון סאָציאַליזם. און געטאָן האָט ער עס אַזוי, אַז די געדאַנקען זיינע האָבן זיך לייכט איינגעקריצט אין די מוחות פון זיינע לייענערס, וועמען ער האָט אָנגערעגט צו טראַכטן זעלבסט־שטענדיק.

מעגלעך, אַז היינט ווערט מען פייגענבוימס דעמאָלטיקע אַרטיקלען באַטראַכטן פאַר נישט אַזוי טיף געשריבן. אָבער יענע אַרטיקלען טאָרן נישט געמאָסטן ווערן מיט דער היינטיקער מאָס. מ'מוז זיי מעסטן מיט דער מאָס פון יענער צייט און יענע אומשטענדן, כדי זיי ריכטיק אָפּצושאַצן. פאַר דעם „אַרבייטער־פריינד" איז פייגענבוים געווען אַ מיטאַרבעטער, וואָס קיין בעסערן האָט מען זיך נישט געקאָנט ווינטשן, אויף זיין געביט האָט פייגענבוים אָפּגעטאָן אַ קולטורעלע אַרבעט, וואָס מ'טאָר נישט אונטערשעצן. עס איז אַ פאַקט, אַז זיין בראָשור „פונוואַנען שטאַמט דער מענטש?" (1888) איז געוואָרן די פאַרשפּרייטסטע פּראָפּאַגאַנדע־שריפט פון יענער צייט.

אויף פיליפּ קראַנצס פאַרבעטונג איז פייגענבוים געקומען קיין לאָנדאָן צום סוף יאָר 1888. ער איז תיכף געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע מיטאַרבעטער פון דער יונגער באַוועגונג. פייגענבוים איז אויך געווען אַ גוטער פאָלקסרעדנער. ער האָט געקאָנט ציען אַן עולם. דאָס האָט אַ סך געהאָלפן צו פאַרשפּרייטן די נייע אידעען אין אַלץ ברייטערע קרייזן פון דער לאָנדאָנער יידישער אַרבעטערשאַפט. אין יענע

צייטן איז פייגענבוים געשטאַנען זייער נאָענט צום פרייהייטלעכן סאָציאַליזם. ערשט שפּעטער איז ער געוואָרן אַ פולשטענדיקער סאָציאַלדעמאָקראַט.

פייגענבוימס אַריינטריט אין דער לאָנדאָנער באַוועגונג איז געשען אַ קורצע צייט נאָך אַן אומגליקלעכער פּאַסירונג. די חברים האָבן דידאָזיקע פּאַסירונג נאָך גוט געדענקט, און דעריבער האָבן זיי נאָך מער אָפּגעשאַצט די גרויסע נוצלעכקייט און צייטיקייט פון פייגענבוימס אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע.

דער „אַרבייטער־פריינד" און די יונגע יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָבן געשטאַכן אַזוי ווי דערנער אין די אויגן פון די אָרטאָדאָקסישע יידן אין לאָנדאָן. די פרומע יידן האָבן אין יענער אַזוי נאַטירלעכער דערשיינונג דערזען נישט בלויז אַ געפאַר פאַר דער יידישער רעליגיע צווישן די פאָלקסמאַסן, נאָר אויך אַ חילול השם; זיי האָבן דעריבער געפּרוווט מיט אַלע מיטלען צו באַזייטיקן די אפּיקורסישע צייטשריפטן. צוויי יידיש־ענגלישע באַנקירן, מאַקאַטהאַ און מאָנטעגיו, מיט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער לאָנדאָנער יידישער קהילה, האָבן געוווסט פון אייגענער באַנקי־רישער דערפאַרונג, אַז מיט געלט קאָן מען אַלעס אויפטאָן. האָבן זיי באַשלאָסן אויסצונוצן זייערע פינאַנציעלע כוחות און פעיקייטן, כדי צו באַזייטיקן די גאָט־לעסטערנדיקע צייטשריפט. זיינען זיי געפאַלן אויף אַ געניאַלער המצאה: זיי האָבן אונטערגעקויפט דעם זעצער פון דער דרוקעריי, ווו דער „אַרבייטער־פריינד" האָט זיך געדרוקט, אַז ער זאָל ענדערן איינאיינציק וואָרט און דערמיט דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ די פושעים און עוכרים. דער „אַרבייטער־פריינד" האָט זיך געדרוקט אין אַ דרוקעריי, וועמענס באַלעבאָס איז געווען אַ שטיקל אָנהענגער פון סאָציאַליסטישע אידעען. אויף דער ערשטער זייט פון דער צייטשריפט איז יעדע וואָך געווען אָפּגע־דרוקט אַ גרויסע שורה מיט די ווערטער: „אַרבעטער, פאַרגעסט נישט אייער חוב, פאַרשפּרייט דעם „אַרבייטער־פריינד!" האָט מען אונטערגעקויפט דעם זעצער מיטן פּרייז פון אַ שיפסקאַרטע קיין אַמעריקע, אַז ער זאָל אָנשטאָט דעם וואָרט „פאַר־שפּרייט" אַוועקשטעלן דאָס וואָרט „פאַרניכטעט". און אַזוי ווי דער חברה־מאַן האָט ממש געחלשט צו פאָרן קיין אַמעריקע, איז דאָס אונטערגעקויפטע וואָרט טאַקע דערשינען אינעם 26סטן נומער פונעם צווייטן יאָרגאַנג „אַרבייטער־פריינד".

דאָסדאָזיקע נאַרישע און געמיינע שפּיצל איז געווען דער אָנהויב פון אַ גאַנצער ריי אַטאַקעס אויף דער צייטשריפט. די קהילה האָט סוף־כל־סוף אונטערגעקויפט דעם דרוקעריי־אייגנטימער, וועלכער האָט אָן שום וואָרענישן אָפּגעזאָגט זיך ווייטער צו דרוקן די צייטונג. דעם 6טן מאַי 1887 האָט זי פלוצים אויפגעהערט צו דערשיינען; און די אַרויסגעבערס האָבן אפילו נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו לאָזן וויסן זיי־ערע לייענערס וועגן די שיינע מעשים פון די שיינע יידן. ערשט דעם 29סטן יולי איז דער גרופּע געלונגען אַרויסצולאָזן אַ פלוגבלעטל, אין וועלכן ס'איז אויפגעדעקט געוואָרן די גאַנצע מיאוסע מעשה, וועמענס מחברים זיינען געוואָרן צוגענאָגלט צום שאַנדסלופּ. אָבער דער „אַרבייטער־פריינד" האָט אַליין נישט געקאָנט געפינען קיין יידישן דרוקער, וועלכער זאָל האָבן דעם מוט זיך קעגנצושטעלן דעם כאָבאָר, וואָס די לאָנדאָנער יידישע קהילה האָט מיט אַ ברייטער האַנט אויסגעטיילט פאַר נישט דרוקן

די צייטונג. די העלדן אָבער פון יענער פּחדנישער אַטאַקע אויף דער פרייהייט פון געדאַנק פון די יידישע אַרבעטער האָבן באַלד געמוזט איינזען, אַז דער אידעאַליזם פון די אָרעמע, אָבער אויף קרבנות גרייטע מאַסן, איז אָפּטמאָל שטאַרקער ווי די ברוטאַלע געלטמאַכט פון די רייכע גאָטס־קאַזאַקן, וועלכע האָבן זיך מורא צו פאַר־לאָזן אויף די כוחות פון זייער אייגענעם גאָט, ווען עמענס אינטערעסן זיי מוזן מיט אַלע מיטלען, כשרע און טריפהנע, פאַרטיידיקן אויף דער זינדיקער ערד. פאַרשטייט זיך, אַז די האַנדלונג פון די פרומאַקעס האָט אַזוי אויפגערעגט די יידישע אַרבעטער, אַז זיי האָבן פּשוט אַוועקגעגעבן זייערע לעצטע גראָשנס צו קויפן אַן אייגענע דרוקע־ריי. אויך די חברים פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן ממשותדיק צוגעהאָלפן צו דעם, אַז דעם 5טן אויגוסט 1887 זאָל דער „אַרבייטער־פריינד" ווידער דערשיינען, געזעצט און געדרוקט אין דער אייגענער דרוקעריי.

אין יאַנואַר 1889 האָט די צייטשריפט פאַרטאָפּלט איר צאָל זייטן אויף אַכט. אינעם זעלביקן יאָר האָט פיליפּ קראַנץ רעזיגנירט פונעם רעדאַקטאָר־אַמט און ער איז אַוועק קיין אַמעריקע. קאָנסטאַנטין גאַלאָפּ, וועלכער איז מיט עטלעכע יאָר פריער געקומען קיין לאָנדאָן, האָט איבערגענומען די רעדאַקציע.

גאַלאָפּ איז געווען אַ רוסישער סאָציאַלרעוואָלוציאָנער מיט גוטע מעלות און אַ גרויסער מאָס אידעאַליזם. ער האָט שוין אונטער קראַנצן מיטגעאַרבעט אין דער צייטשריפט. זיינע ערשטע אַרטיקלען האָט ער געשריבן אין רוסיש, ביז ער האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט אויסצודרוקן זיינע געדאַנקען אין יידיש. דער „אַרביי־טער־פריינד" האָט דעמאָלט צוגעקראָגן אַ גאַנצע ריי נייע מיטאַרבעטער. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ריכטונג האָט באַקומען אַ נייעם טיכטיקן פאַרטרעטער אין באַראַ־נאָוון. די אַנאַרכיסטן האָבן געוווּנען נייע כוחות און אַ שטאַרקערע השפעה דורך די אַרטיקלען פון מיכאל קאָן, פּ. א. פראַנק (ד"ר מעריסאָן) און ש. יאַנאָווסקי פון אַמעריקע. אויך די צוויי באַרימטע אַנאַרכיסטישע אַרבעטער־דיכטער דוד עדעל־שטאַט און יוסף באָוושאָווער האָבן פון אַמעריקע זיך באַטייליקט אַלס שטענדיקע מיטאַרבייטער פונעם „אַרבייטער־פריינד".

מיט קראַנצס אַוועקגיין האָבן די סאָציאַלדעמאָקראַטן פאַרלוירן איינעם פון זיי־ערע בעסטע כוחות. אויך די אַנאַרכיסטן האָבן געליטן אַ פאַרלוסט דורך י. יאַפּעס אָפּפאָר קיין ניו־יאָרק אין פעברואַר 1889. די אַנאַרכיסטן זיינען, אָן שום ספק, געווען די טעטיקסטע און אויך אין צאָל דער שטאַרקסטער עלעמענט אין דער לאָנ־דאָנער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. נישט בלויז האָבן זיי גענומען אַן אַקטיוון אָנ־טייל אין דער פאַרשפּרייטונג פון דער צייטונג און אָרגאַניזירט אָפטע לעקציעס און רעפעראַטן, נאָר זיי האָבן אויך געלייגט דעם יסוד פאַר אַ פאַרלאַג פון אַנאַר־כיסטישע בראָשורן. אין 1888 האָט זיך געהאַט געגרינדעט די גרופּע „ריטער פון פרייהייט", וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אַחוץ פייגענבוימס „פונוואַנען שטאַמט דער מענטש?" אויך באַקאַנטע פּראָפּאַגאַנדע־בראָשורן פון מאָסט און מאַלאַטעסטאַ אין יידיש. די גרופּע האָט געמאַכט דעם ערשטן פּרווו אַראָפּצוברענגען פון אַמעריקע קיין לאָנדאָן אַ חבר, וועלכער זאָל פאַרטרעטן די אַנאַרכיסטן אינעם „אַרבייטער־

פריינד" נאָך יאָפּעס אָפּפאָר. אַביסל שפּעטער איז אויך געפאָרן קיין ניו־יאָרק אַ מיטגליד פון דער גרופּע, ל. רוטענבערג, וועמען די לאָנדאָנער חברים האָבן געהייסן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט יאַנאָווסקין, אַז ער זאָל קומען קיין ענגלאַנד. ש. יאַ־נאָווסקי האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען, און אין מערץ 1890 איז ער אָנגעקומען קיין לאָנדאָן.

מיט יאַנאָווסקיס אָנקום קיין ענגלאַנד (אין מערץ 1890) הייבט זיך אָן אַ נייער פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דער יונגער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין ענגלאַנד. אויך אינעם „אַרבייטער־פריינד" באַמערקט מען בולט דעם נייעם קורס. יאַנאָווסקי איז דעמאָלט געווען אין זיינע בעסטע יאָרן. אַ מענטש מיט גוטע נאַטיר־לעכע אייגנשאַפטן, מיט אַ שטאַרקן ווילן און אַ קלאָרער איבערצייגונג. די יידישע אַנאַרכיסטן אויף דער לאָנדאָנער איסט־ענד האָבן אין אים געוווּנען אַן אויסגעצייכנטן פּראָפּאַגאַנדיסטישן כוח. יאַנאָווסקי האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט צו ווערן איינער פון די טאַלאַנטפולסטע זשורנאַליסטן ביי יידן. זיינע אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן האָבן זיך שוין בולט אַרויסגעוויזן בעת זיין לאָנדאָנער טעטיקייט. דערצו איז ער נאָך געווען אַ גוטער און איינדרוקספולער רעדנער. פיל מיט הומאָר און גלענצנדיקער שלאָגפאַרטיקייט, וועמען קיין שום קעגנער איז נישט געווען אימשטאַנד אַרויסצו־ברענגען פון די כלים.

יאַנאָווסקי איז געבוירן געוואָרן אין 1864 אין פּינסק. ער האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג; ער האָט אויך באַזוכט אַ רוסישע שול. אין 1885 איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקע, ווו ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַנאַרכיס־טישער באַוועגונג. זיינע גייסטיקע פעיקייטן האָבן אים אין אַ קורצער צייט אַרויס־געריקט צווישן די אַקטיווסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן פון דער באַוועגונג. ער איז געווען איינער פון די אַרויסגעבערס פון דער ערשטער יידישער אַנאַרכיסטישער צייטונג אין ניו־יאָרק, די „וואַרהייט", וואָס איז אין 1889 דערשינען אין אַ צוויי צענדליק נו־מערן, און וועלכע איז געווען די דירעקטע פאָרלויפערן פון דער „פרייער אַרבעטער־שטימע".

יאַנאָווסקיס אָנקום קיין לאָנדאָן האָט באַלד גורם געווען אַ ממשותדיקע ענדע־רונג אין דעם אינערלעכן קרייז פון דער יונגער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די פּרינציפּיעלע און טאַקטישע חלוקי־דעות צווישן די פאַרשידענע ריכטונגען זיינען געוואָרן בולטער און שאַרפער. די באַמיונגען פון די אַזויגערופענע אומפּאַרטייאישע מיטגלידער אויסצומיידן די אינערלעכע מחלוקות האָבן ווייניק געהאָלפן. די באַווע־גונג בכלל איז געוואָרן רייפער און זי האָט געזוכט דעם וועג צו קלאָרע ריכט־ליניעס. ווען יאַנאָווסקי איז אָנגעקומען, איז דידאָזיקע אַנטוויקלונג שוין געווען אין פולן גאַנג. זיין אָנוועזנהייט אָבער האָט פאַרשנעלערט דעם נאַטירלעכן פּראָצעס פון דערדאָזיקער אַנטוויקלונג, וועלכע וואָלט אפילו אָן יאַנאָווסקין געמוזט גיין לאַגישערוויז אויף דעם־אָ וועג. אינעם בערנער סטריט־קלוב האָבן זיך די כוואַליעס פון אינערלעכן מיינונגס־קאַמף געהויבן וואָס אַמאָל שטאַרקער און העכער. די

דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטישע און אַנאַרכיסטישע גאַסט־רעדנערס האָבן אויך צו־געלייגט אַ האַנט צו פאַרשאַרפן דעמדאָזיקן קאַמף. דער פּועל־יוצא פון דעם אַלעם איז געווען, אַז אין אָנהויב 1891 איז געקומען צו אַן אָפענער שפּאַלטונג.

די אַנאַרכיסטן, די שטאַרקסטע ריכטונג, זיינען געבליבן די באַלעבאַטים פונעם קלוב און פון דער צייטשריפט. די סאָציאַלדעמאָקראַטן, וועלכע זיינען, צוזאַמען מיט די אומפּאַרטייאישע אפילו, געווען אַ מינדערהייט, האָבן זיך צוריקגעצויגן, מיטנעמענדיק מיט זיך אַזעלכע „אַרבייטער־פריינד"־מיטאַרבעטער ווי: ווינטשעווסקי, פייגענבוים, גאַללאָפּ און באַראַנאָוו. זיי האָבן געגרינדעט אַן אייגענעם חודש־זשור־נאַל, „די פרייע וועלט". דער ערשטע נומער איז אַרויס עטלעכע חדשים נאָך דער שפּאַלטונג. נאָך צען נומערן האָט זיך דער זשורנאַל אָפּגעשטעלט מחמת דוחק אין מיטלען. אין 1892 האָט ווינטשעווסקי נאָכאַמאָל געפּרוּווט אַרויסגעבן אַ וואָכנבלאַט, „דער וועקער", און ווידער איז די צייטשריפט, צוליב מאַנגל אין אונטערשטיצונג, נאָך עלף נומערן, אונטערגעגאַנגען. ווינטשעווסקי איז מיט אַכצן חדשים שפּעטער אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, ווו עס זיינען שוין פון פריער געווען פייגענבוים און באַראַנאָוו. בלויז קאָנסטאַנטין גאַללאָפּ איז געבליבן אין לאָנדאָן, ווו ער איז מיט אַ יאָר שפּעטער געשטאָרבן. גאַללאָפּ האָט געהאַט זיך צוריק דערנענטערט צו די אַנאַרכיסטן, וועלכע זיינען אים, דעם אַלטן, רוסישן סאָציאַלרעוואָלוציאָנער, געווען נענטער צום האַרצן ווי די סאָציאַלדעמאָקראַטן.

פאַר יאַנאָווסקין האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַ שווערע אַרבעט. דער „אַרביי־טער־פריינד" האָט געהאַט פאַרלוירן די מייסטע לאָנדאָנער מיטאַרבעטער זיינע. און ביז עס איז יאַנאָווסקין געלונגען צו באַקומען נייע מיטאַרבעטער פון אַמעריקע, האָט ער אַליין געמוזט, אונטער פאַרשידענע נעמען, חדשים־לאַנג אויספילן די צייט־שריפט. דער „אַרבייטער־פריינד" האָט שווער געמוזט קעמפן פאַר זיין עקזיסטענץ פונעם ערשטן נומער אָן. נאָר די אומבאַגרענעצטע קרבנות־גרייטקייט פון די נאָענטע פריינט און חברים האָבן געהאָלפן דער צייטשריפט איבערצוקומען אירע אָפטע פינאַנציעלע קריזיסן. די שפּאַלטונג, פאַרשטייט זיך, האָט נישט געהאָלפן פאַרבע־סערן די שווערע פינאַנציעלע לאַגע. אָבער די מערהייט אַקטיווע חברים האָבן זיך נאָך מער אָנגעשטרענגט און זיינען געטריי געשטאַנען מיט יאַנאָווסקין און אים געהאָלפן איבערקומען אַלערליי שוועריקייטן.

ווען דער אינערלעכער קאַמף צווישן די פאַרשידענע ריכטונגען אין דער לאָנדאָנער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז געוואָרן אַן אָפענע מילחמה צווישן צוויי פיינטלעכע לאַגערן, איז די פערזענלעכע ביטערקייט און שאַרפקייט צווישן די קעמפנדיקע צדדים געוואָרן גרעסער ווי ווען עס איז פריער. אַזעלכע באַגלייט־דערשיינונגען זיינען טאַקע באַדויערלעך, זיי זיינען אָבער, ליידער, אומ־פאַרמיידלעך.

אַ שטענדיקע צוזאַמענאַרבעט צווישן פאַרשידענע ריכטונגען, אין דערזעלביקער אָרגאַניזאַציע, איז נאָר מעגלעך געווען פון אָנהויב, ווען די אומשטענדן האָבן פשוט אַרויפגעצוווּנגען דידאָזיקע קאָאָפּעראַציע צווישן צדדים, וועמעס אידעאָלאָגיע און

טאַקטיק גייען זיך אַזוי שטאַרק פונאַנדער. אַזאַ צושטאַנד פון געצוווּנגענער קאָאָפּעראַציע קאָן, אָבער, לאַנג נישט אָנהאַלטן. אַחוץ דעם איז אַזאַ צושטאַנד געווען אומגעזונט אי פאַר די סאָציאַלדעמאָקראַטן, אי פאַר די אַנאַרכיסטן, וואָרן ביידע צדדים האָבן געמוזט פאַרזען זאַכן און געשעענישן, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע שייכות צו דער אַנטוויקלונג פון זייערע באַוועגונגען. דעריבער מוז קומען אַ צייט, ווען אַ שפּאַלטונג מוז געשען. די אייניקייט פאַר יעדן פּרייז, וואָס געוויסע פּאָליטישע פּאַרטייען פּריידיקן, איז אפשר אָפט נוצלעך פאַר די מאַכטפּאָליטישע צילן פון די פּאַרטייפירערס. פאַר די פּשוטע מיטגלידער, אָבער, איז עס אָפט נישט מער ווי אַ צוואַנגסמיטל קעגן פרייער גייסטיקער אַנטוויקלונג און זעלבסטשטענדיקן טראַכטן. די געשיכטע פון דער דייטשישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע לערנט אונדז אין דעם פּרט אַ ביטערע לעקציע, וועלכע טאָר נישט אַזוי שנעל פאַרגעסן ווערן. קאָאָפּעראַציע צווישן פאַרשידענע ריכטונגען צו דערגרייכן אַ באַשטימטן צוועק איז זייער אָפט דאָס געבאָט פון דער שעה. אָבער דידאָזיקע צוזאַמענאַרבעט איז נוצלעך נאָר אַזוי לאַנג, ווי זי צעשטערט נישט די גייסטיקע זעלבסטשטענדיקייט און דעם אינערלעכן כאַראַקטער פון די באַטייליקטע אָרגאַניזאַציעס.

דער „אַרבייטער־פריינד“ און די באַוועגונג האָבן, דורך דער שפּאַלטונג און דעם פאַרלוסט פון אַ גאַנצער ריי גוטע מיטאַרבעטער, אַ סך פאַרלוירן. עס האָט געדויערט אַ שטיק צייט, ביז דער ריס האָט געקאָנט פאַרהיילט ווערן. אָבער די צייטשריפט האָט דורך דער שפּאַלטונג אַ סך געוווּנען אין קלאָרקייט, אין צילבאַוווּסטזיין און אין פעסטקייט. דאָס וואָלט פריער, פאַר דער איצט־געוווּנענער זעלבסטשטענדיקייט, געווען אוממעגלעך. דאָס האָט מען געקאָנט באַמערקן נישט בלויז בנוגע טעאָרעטישע פראַגעס, נאָר אויך הויפּטזעכלעך, ווען עס איז געווען אַ פראַגע וועגן דער שטעלונג פון דער באַוועגונג צו די טאָגטעגלעכע געשעענישן און ספּעציעל צו די טעגלעכע קאַמפּן פון די אַרבעטער. ערשט נאָכדעם ווי יאַנאָווסקי האָט איבערגענומען די רעדאַקציע פונעם „אַרבייטער־פריינד“, האָט די צייטשריפט אָנגענומען אַ באַשטימטע און קלאָרע שטעלונג בנוגע טרייד־יוניאָנס. וועגן קראַנצס און זיינע פּאַרטייחברימס קעגנערישער שטעלונג צום טרייד־יוניאָניזם האָבן מיר שוין גערעדט פריער. יענע שטעלונג, וואָס איז געווען דער פּועל־יוצא פון לאַסאַלס השפּעה, איז ביסלעכווייז אָפּגעשטופּט געוואָרן אין הינטערגרונט. די פּראַקטישע נויטווענדיקייט פונעם לעבן גופא האָט באַזיגט לאַסאַלס טעאָריעס. האָט מען זיך נישט געקאָנט העלפן און טאָלערירט די טרייד־יוניאָנס ווי אַן אומפאַרמיידלעך שלעכטס, וואָס מ׳קאָן מער נישט פאַרטרייבן פון דער וועלט מיט דער הילף פון פּסוקים פון לאַסאַלס תורה.

דער־אָ צושטאַנד האָט ווייניק געהאָלפן די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין ענגלאַנד. זיי זיינען אין יענער צייט געווען אומדערפאַרן און נאָר די ביטערסטע נויט האָט זיי פּשוט געשטופּט אין די טרייד־יוניאָנס. זיי האָבן זיך גענויטיקט אין אויפקלערונג און אין הילף, כדי צו געפינען דעם ריכטיקן וועג אין זייער ביטערן קאַמף קעגן די ערגסטע מכות פונעם דעמאָלטיקן ענגלישן שוויץ־סיסטעם. דידאָזיקע אויפקלערונג איז געווען נאָך נויטיקער דערפאַר, ווייל עס האָבן זיך שוין דעמאָלט

אָנגעהויבן צו באַווייזן, אין די יונגע טרייד־יוניאָנס, כלערליי ריכטונגען מיט אידעען, וואָס האָבן קיין שום שייכות נישט געהאַט מיט די אייגנטלעכע באַדערפעענישן פון די אַרבעטער גופא. דידאָזיקע ריכטונגען האָבן דעם אַרבעטער נישט געקאָנט העלפן אין זיין שווערן טאָגטעגלעכן קאַמף; זיי האָבן אים בלויז געקאָנט ברענגען ביטערע אַנטוישונגען. און יאַנאָווסקיס גרויסער פאַרדינסט איז געווען דאָס, וואָס ער האָט תיכף ריכטיק אָפּגעשאַצט די־אָ לאַגע, און ער האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען אַוועק־צושטעלן די טרייד־יוניאָנס אויף געזונטע יסודות און צו דערציען זייערע מיטגלי־דער צום זעלבסטשטענדיקן טראַכטן. דאָס איז זיכער נישט געווען קיין לייכטע און פּשוטע אַרבעט, וואָרן די באַדינגונגען און אומשטענדן, וואָס דער ענגלישער שוויץ־סיסטעם האָט געשאַפן אין לאָנדאָן און אויף דער פּראָווינץ, זיינען געווען זייער אומגינסטיק פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אמתע טרייד־יוניאָנס.

ש. יאַנאָווסקי האָט געהאַט אַ קלאָרע פאַרשטענדעניש פאַרן טרייד־יוניאָניזם. ווי אַן אַנאַרכיסט, האָט ער אין די טרייד־יוניאָנס געזען די נייטיקע מיטלען פאַר דעם אַרבעטערס זעלבסטהילף. דעריבער האָט ער כסדר געאַרבעט איינצושטעלן גע־זונטע צושטאַנדן אין די יוניאָנס, כדי זיי זאָלן פעיק זיין צו דערפילן די שווערע אויפגאַבעס, וואָס וואַרטן אויף זיי. ער האָט, אָבער, באַגעגנט שוועריקייטן, וואָס זיינען געווען אַזוי גרויס, אַז מ׳קאָן זיך היינט קוים פאָרשטעלן.

אין יענער צייט האָט אין ענגלאַנד געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין די יידישע טרייד־יוניאָנס איינער מיטן נאָמען לואיס לאַיאָנס. דערדאָזיקער לאַיאָנס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ סאָציאַלדעמאָקראַט, אָבער אינדערעמתן איז ער געווען אַ געוויסנ־לאָזער אָפּאָרטוניסט, וואָס האָט אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט און יעדן מיטל פאַר זיינע פּערזענלעכע אַמביציעס. צוערשט האָט ער אָנגעהאַלטן זייער פריינטלעכע באַציונגען מיט דער אַלגעמיין־סאָציאַליסטישער באַוועגונג; ער האָט אפילו אָפּט גע־שריבן פאַרן „אַרבייטער־פריינד״. דידאָזיקע באַציונגען האָבן אָנגעהאַלטן, ביז עס איז לאַיאָנסן איינגעפאַלן דער געדאַנק צו פאַרייניקן די קליינע קאָנטראַקטאָרס אין דער שניידעראינדוסטריע מיט די שניידעראַרבעטער. ער האָט געטענהט, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג ווי אַזוי צו געווינען בעסערע אַרבעטסבאַדינגונגען און העכערע לוינען פאַר די בעלי־מלאכות. צי דאָס איז געווען לאַיאָנס אייגענער געניאַלער פּלאַן, צי ער איז אונטערגעקויפט געוואָרן פון די באַלעבאַטים, ווי גאָר אַ סך האָבן געגלויבט, האָט קיינמאָל, נאַטירלעך, נישט געקאָנט אויסגעפונען און באַוויזן ווערן שוואַרץ אויף ווייס. אָבער אַז ער איז געווען אַ פולשטענדיקער דעמאַגאָג, ביי וועמען אַלע מיטלען זיינען כשר, כדי אויסצופירן זיינע פּערזענלעכע אַמביציעס — וועגן דעם האָט קיין שום צווייפל נישט געקאָנט זיין. מענטשן פון זיין שניט זיינען פעיק אויף אַלץ.

יאַנאָווסקי איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט מיט זיין גאַנצער אַנט־שלאָסנקייט זיך געשטעלט קעגן לאַיאָנסעס מאַכינאַציעס; סיי אינעם „אַרבייטער־פריינד״, סיי אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, האָט ער כסדר גערופן די אַרבעטער נישט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון דעם פאַלשן נביא, וועלכער גרייט צו דעם חורבן

פון דער יונגער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט אויפגעוויזן די אַרבעטער, אַז אַ פאַרייניקונג צווישן די קאָנטראַקטאָרס און די בעלי־מלאכות וועט זיין פון גרויס נוצן פאַר די באַלעבאַטים. צו דערזעלביקער צייט האָט ער זיי אויך דערקלערט, ווי אַזוי אַן אמתע, קעמפערישע יוניאָן דאַרף געבויט און געפירט ווערן כדי צו זיין מסוגל צו פאַרטיידיקן דעם אַרבעטערס שטיקל ברויט און זיין מענטשלעכע חשיבות. ער האָט אַפּעלירט צו דעם געזונטן פאָלקס־שכל און צו די נאַטירלעכע יושר־געפילן פון די אַקטיווערע יידישע אַרבעטער, און זיי געוואָרנט נישט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון אַ קונצנמאַכער, וועלכער זוכט זיי צו פאַרבלענדן מיט פאַלשע הבטחות. יאַנאָווסקי איז געווען זייער שאַרף און נישט צו איבערקלייבעריש מיט אַ וואָרט אין זיינע מחלוקות מיט די קעגנערס. אָפטמאָל איז אַזאַ נישט־איבערקלייבערישקייט געווען אומנויטיק. אָבער דאָס מאָל איז יאַנאָווסקיס בייסיקייט געווען אויפן ריכטיקן פלאַץ. וואָרן וואָס אָפענער מ׳רופט אָן די זאַכן מיט זייערע אמתע נעמען, אַלץ קלאָרער ווערט דער עיקר און אַלץ בעסער איז עס פאַר דער אַלגעמיינער באַוועגונג. פאַלשע איינזעעניש, אין אַזעלכע פאַלן, טוט דער באַוועגונג אַ בערישע טובה.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז לאַיאָנס איז געוואָרן אַ ביטערער שונא פונעם „אַרבייטער־פריינד" און פון יאַנאָווסקין. דער קאַמף איז נאָך שאַרפער געוואָרן מחמת דעם, וואָס אַ צאָל אַזויגערופענע אומפּאַרטייאישע, וועלכע האָבן זיך צוריקגעצויגן פונעם בערנער סטריט־קלוב, נאָכדעם ווי די אַנאַרכיסטן זיינען געוואָרן די באַלעבאַטים פונעם קלוב מיט דער צייטשריפט, האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער מילחמה אויף לאַיאָנסעס זייט. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן עס געטאָן נישט מאהבת לאַיאָנס, נאָר משנאת יאַנאָווסקי, וועמען זיי האָבן געהאַסט מיט אַ בלינדער פיינטשאַפט.

אָבער יאַנאָווסקי האָט נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט גערעדט אויף אַלע עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, אַן אונטערשייד ווער עס האָט זיי פאַררופן; ער האָט פאַרטיידיקט זיין שטאַנדפּונקט מיט אַן אייזערנער עקשנות. די מייסטע טרייד־יוניאָנס זיינען געווען מיט יאַנאָווסקין. אָבער אין דער שניידעראינדוסטריע איז לאַיאָנסעס השפעה געווען נאָך שטאַרק, וואָרן ער האָט זיך דאָרט נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטלען אָנצוהאַלטן זיין פּרעסטיזש. אָבער יאַנאָווסקי האָט זיך געשלאָגן קעגן זיין שונא אין לאַיאָנסעס אייגענער פעסטונג, ביז ער האָט ענדלעך געעפנט די אויגן פון די פאַרפירטע און פאַרבלענדטע. איינער נאָך דעם אַנדערן האָבן לאַיאָנסעס אָנהענגער אים פאַרלאָזן, נאָכדעם ווי זיי האָבן גוט איינגעזען, ווי־הין ער פאַרפירט זיי. נאָך לאַנגע און שווערע קאַמפן האָט לאַיאָנס ענדלעך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט פאַרשפּילט אויף אַלע פראָנטן, און ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. מיט אַ צען אָדער צוועלף יאָר שפּעטער, ווען זיינע מעשים זיינען שוין געווען לאַנג פאַרגעסן און ווען איך בין שוין געווען רעדאַקטאָר פונעם „אַרבייטער־פריינד", האָט ער ווידער געפּרוווט אַריינצושטעלן אַ פוס אין דער יידישער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג. אָבער עס איז געווען נישט מער ווי אַ קורצע גאַסטראָל. ער האָט באַלד אַליין איינגעזען, אַז די באַוועגונג האָט אים אויסגעשפּיגן און זי וויל אים מער שוין נישט האָבן.

יאַנאָווסקי האָט דעמאָלט שיעור נישט באַצאָלט מיט זיין לעבן פאַר זיין אומ־דערשראָקענער שטעלונג. איינמאָל, שפּעט ביינאַכט, אַהיימגייענדיק פון אַ פאַרזאַמלונג, איז אים אין אַ שטיל געסל באַפאַלן אַ חברה־מאַן און אים דערלאַנגט מיט אַ שטיק אייזן איבערן קאָפּ. אַ באַגאָסענעם מיט בלוט האָט מען אים געפונען ליגן אויפן טראָטואַר. ווען מ׳האָט אים געבראַכט אין לאָנדאָנער האָספּיטאַל, האָבן די דאָקטוירים דערקלערט, אַז דאָס גראָבע היטל וואָס ער האָט געטראָגן אויפן קאָפּ, האָט אים געראַטעוועט זיין לעבן. דער זעץ מיטן שטיק אייזן איז דערלאַנגט געוואָרן מיט אַזאַ כוח, אַז אַ האָר האָט געפעלט און די געהירן זיינע וואָלטן באַשעדיקט געוואָרן. אַ סך האָבן דעמאָלט געגלויבט, אַז דערדאָזיקער פּחדנישער אָנפאַל איז געקומען מיצד די אָרטאָדאָקסישע יידן, וועלכע האָבן פאַנאַטיש געהאַסט דעם פּושע ועוכר ישראל, יאַנאָווסקי. אָבער די באַנדיטישע אַטאַקע האָט געהאַט אויף זיך אַלע סימנים פון די איידעלע קאַמפּסמעטאָדן פון דער לאַיאָנס־קליקע.

יאַנאָווסקי האָט בכלל געהאַט שווערע צייטן אין לאָנדאָן. ער האָט פון אָנהויב אָן געהאַט צו קעמפן קעגן אַלערליי שוועריקייטן, וואָס נאָר אַ מענטש מיט אַן אייזערנעם ווילן קאָן זיי בייקומען. ספּעציעל שווער איז געווען די צייט באַלד נאָך דער שפּאַלטונג. דער „אַרבייטער־פריינד" האָט געהאַט פאַרלוירן כימעט אַלע זיינע לאָנדאָנער מיטאַרבעטער. געבליבן זיינען בלויז עטלעכע יונגע אַנאַרכיסטן, וועלכע פלעגן שרייבן פאַר דער צייטשריפט. די נייע קעגנער האָבן געאַרבעט מעשים, כדי די צייטונג זאָל אונטערגיין. אָבער מיט דער איבערגעגעבענער הילף פון אַ קליינער גרופּע אַנאַרכיסטישע אָנהענגער האָט יאַנאָווסקי פאַרשטאַנען, ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון יעדן קריזיס. דאָס האָט געפאָדערט גרויסע קרבנות, אָבער צו דערזעלביקער צייט איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר אַ געזונטער אַנטוויקלונג פון אַ יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

הגם ער איז געבליבן אָן ליטעראַרישע מיטאַרבעטערישע כוחות, האָט יאַנאָווסקי דאָך פאַרשטאַנען צו מאַכן פונעם „אַרבייטער־פריינד" אַ באמת גוטע צייטונג מיט אַן אייגענער באַשטימטער מיינונג אין אַלע פראַגעס. און צו דערזעלביקער צייט האָט ער אויך געדרוקט אַרטיקלען מיט אַנטקעגנגעזעצטע מיינונגען. אָבער דער לייענער האָט קלאָר געוווּסט, וועלכע מיינונג די צייטונג פאַרטרעט. נישט ווי פריער, ווען דער לייענער פלעגט צעטומלט ווערן פון די אומפאַרמיידלעכע אינערלעכע חלוקי־דעות. יאַנאָווסקיס קעגנער אינעם סאָציאַלדעמאָקראַטישן לאַגער האָבן אים אַליין געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר צעשטערן די פריינטלעכע באַציונגען צווישן די יידישע סאָציאַליסטישע ריכטונגען אין לאָנדאָן. אָבער די סאָציאַלדעמאָקראַטן גופא האָבן נאָכגעטאָן יאַנאָווסקין דורכדעם, וואָס זיי האָבן געגרינדעט אַן אייגענעם אָרגאַן, „די פרייע וועלט", מיט אַ שטרענג סאָציאַלדעמאָקראַטישן אינהאַלט, און דערמיט זיך אינגאַנצן אָפּגעשאָקלט פון דער אַזויגערופענער אומפּאַרטייאישקייט. „די פרייע וועלט" האָט געזאָלט זיין אַ קאָנקורענץ פאַרן „אַרבייטער־פריינד", אָבער דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אָרגאַן האָט זיך לאַנג נישט געהאַלטן, בעת די אַנאַרכיסטישע צייטונג איז געוואַקסן און באַרעכטיקט איר קיום.

ש. יאַנאָווסקי, וועלכער איז געקומען קיין לאָנדאָן פון ניו־יאָרק אין מערץ 1890, האָט נישט געמאַכט קיין שום אָנשטעל אויף אָריגינעלע טעאָרעטישע געדאַנקען; ער האָט זיך געשטיצט הויפּטזעכלעך אויף קראָפּאָטקינס אידעען. ער האָט אויך קיינמאָל נישט געהאַט קיין נייגונג צו טיפערע היסטאָרישע פאָרשונגען וועגן די סאָציאַלע באַוועגונגען אין אַנדערע לענדער. ער האָט אָבער געהאַט אַ קלאָרן, טיפן שכל און אַ ספּעציעלע פעיקייט צו באַנעמען זאַכן אין זייערע צווישן־שייכותן און זיי מסביר צו זיין, זיי קלאָר און פאַרשטענדלעך מאַכן פאַר זיינע לייענערס. זיין לשון איז געווען לעבעדיק, פליסיק און לייכט־פאַרשטענדלעך. די קלאָרקייט פון זיינע אויספירן, וועלכע ער האָט שטענדיק געשעפּט און באַגרינדעט מיט פאַקטן פונעם פּראַקטישן לעבן גופא, האָט אפילו אין די פאַרשלאָפנסטע לייענערס אויפגעוועקט אַן אינטערעס צו די עינינים, וואָס ער האָט באַהאַנדלט, און זיי אויך אָנגערעגט צום אייגענעם טראַכטן. זיין סטיל איז געווען פּשוט און ווירקזאַם, שאַרף און איינקריצנדיק; דעריבער איז ער געווען, ווי מ׳זאָגט, אַ געבוירענער זשורנאַליסט, וועלכער האָט פאַרשטאַנען איבערצוגעבן אפילו איבערגענומענע געדאַנקען אויף אַן אָריגינעלן אופן. זיין נאַטירלעכע פאָלקסטימלעכקייט האָט אים אויך אַ סך אַרויסגעהאָלפן און באַליבט געמאַכט אַלס רעדנער. ער איז געווען דער טאַלאַנטפולסטער רעדנער פון אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן אין דעמאָלטיקן לאָנדאָן. זיין שלאָגפאַרטיקייט און זיין בייסנדיקע שאַרפקייט האָבן אים געמאַכט פאַר אַ שטאַרקן פּאָלעמיקער. ער האָט זיך אָבער קיינמאָל נישט באַנוצט מיט קייזהינטערוועגן; ער האָט שטענדיק געקעמפט מיט אָפענע וואָפן פאַר זיין זאַך.

אין יאַנואַר 1892 איז די פינאַנציעלע לאַגע פונעם „אַרבייטער־פריינד" געוואָרן אַזוי קריטיש, אַז די צייטונג האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן אויף דריי חדשים צייט. און ווען זי איז ווידער דערשינען, האָט זי שוין געטראָגן אונטער איר נאָמען די ווערטער: „אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישער אָרגאַן". די צייטשריפט האָט באַלד נאָך יאַנאָווסקיס איבערנעמען די רעדאַקציע אָנגענומען אַן אַנאַרכיסטישן כאַראַקטער. אָבער איצט איז זי אַרויסגעקומען אָפן מיט דער ריכטונג, וועלכע זי האָט פאַרטראָטן. אין די לאַנגע יאָרן פון זיין שפּעטערדיקער עקזיסטענץ האָט דער „אַרבייטער־פריינד" כסדר פאַרטראָטן דידאָזיקע ריכטונג, ביז די ענגלישע רעגירונג האָט די צייטונג אונטערדריקט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָכן קריג איז זי ווידער דערשינען אין משך פון אַ קורצער צייט, אָבער מחמת די געענדערטע אומשטענדן האָט זי סוף־כל־סוף זיך געמוזט אינגאַנצן אָפּשטעלן. די געשיכטע פונעם „אַרבייטער־פריינד" איז געווען און בלייבט די געשיכטע פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער אין ענגלאַנד; און זי איז אויך אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פונעם פרייהייטלעכן סאָציאַליזם.

אין יאַנואַר 1895 האָט יאַנאָווסקי פאַרלאָזן לאָנדאָן און צוריקגעפאָרן מיט זיין בני־בית קיין ניו־יאָרק. ער האָט אין לאָנדאָן געהאַט בייצוקומען אַ סך שוועריקייטן. אַחוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט פערזענלעכע דאגות פרנסה, וואָרן דער „אַרבייטער־פריינד" איז שטענדיק געבליבן אַ קבצן. און אפשר וואָלט יאַנאָווסקי, נישט געקוקט

אויף דעם אַלעם, דאָך פֿאַרבליבן אין לאָנדאָן. איז אָבער דעמאָלט פֿאָרגעקומען אַ שאַרפֿער מיינונגס־ריס צווישן אים און זיינע חברים צוליב דער שטעלונג לגבי דער אַזויגערופֿענער „פּראָפּאַגאַנדע פֿון מעשים". דערדאָזיקער עינין האָט אַרויס־גערופֿן ביטערע חלוקי־דעות אין די ענגערע קרייזן פֿון דער באַוועגונג אין אייראָפּע. יאַנאָווסקי האָט געזען אין די טעראָריסטישע אַקטן, וואָס זיינען דעמאָלט פֿאָרגעקומען אין פֿראַנקרייך און אין אַנדערע לענדער, אַ גרויסן שטער פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער באַוועגונג, הגם ער האָט געגלויבט, אַז דידאָזיקע נקמה־אַקטן זיינען אַ דירעקט־טער רעזולטאַט פֿון מלוכהשער אונטערדריקונג. אַלס רעוואָלוציאָנער האָט יאַנאָווסקי, פּונקט אַזוי ווי די מיינסטע אַנאַרכיסטן פֿון יענער צייט, געגלויבט, אַז נאָר אַ גרויסע סאָציאַלע איבערקערעניש מיט געוואַלטזאַמע באַגלייט־דערשיינונגען קאָן מאַכן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפֿט. אָבער ער האָט נישט געקאָנט זען, ווי אַזוי די געוואַלט־טאַטן פֿון יחידים קאָנען פֿאַרשנעלערן דעם אָנקום פֿון דער רעוואָלוציע. ווי שטענדיק, האָט ער זיין מיינונג נישט באַהאַלטן; ער האָט זי אָפֿן אַרויסגעזאָגט אויף פֿאַרזאַמלונגען און אין דער צייטשריפֿט. דאָ האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד מיצד די יונגע היצקעפּ, וועלכע האָבן מיט אים נישט געוואָלט מסכים זיין. האָט ער רעזיגנירט פֿון זיין רעדאַקטאָראַמט. עס קאָן אויך זיין, אַז נאָך פֿינף יאָר שווערן, כסדרדיקן, טאָגטעגלעכן קאַמף אויף אַזויפֿיל פֿראָנטן, האָט יאַנאָווסקי דערפֿילט אַ געוויסע באַרעכטיקטע מידקייט.

יאַנאָווסקי איז אין אַמעריקע אויפֿסניי געוואָרן אַקטיוו אין דער באַוועגונג, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט מיט גרויס חשק. אין 1899 האָט ער אין ניו־יאָרק באַנייט די „פֿרייע אַרבעטער שטימע", וועלכע איז פֿאַר עטלעכע יאָר צייט, אין 1894, אָפּ־געשטעלט געוואָרן און איז אונטער זיין רעדאַקציע אויסגעוואַקסן צו ווערן איינע פֿון די אָנגעזעענסטע און עלטסטע יידישע סאָציאַליסטישע צייטשריפֿטן; און אַזעלכע איז זי פֿאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג. דער־אַ נייער ווירקונגס־קרייז האָט יאַנאָווסקין געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען אויף דער אויבערפֿלאַך אַלע זיינע איינ־געבוירענע פֿעיקייטן. ער איז געוואָרן אַן אָנערקענטער זשורנאַליסט, פֿאַר וועמען זיינע קעגנער אפֿילו האָבן דרך־ארץ געהאַט. ער איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, דעם 1טן פֿעברואַר 1939, אין עלטער פֿון 75 יאָר.

פֿאַר דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין ענגלאַנד, פֿאַר דער יידישער אַנאַרכיס־טישער באַוועגונג אין לאָנדאָן און פֿאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל איז יאַנאָווסקיס אַוועקפֿאָר (אין אָנהייב פֿון יאָר 1895) געווען אַ שווערער פֿאַרלוסט. עס האָט גענומען צייט ביז מ'האָט דעם פֿאַרלוסט געקאָנט איבערקומען. די דאָרטיקע באַוועגונג האָט פֿאַרמאָגט אַ גאַנצע ריי אינטעליגענטע און באַוווסטזיניקע חברים, אָבער קיינער פֿון זיי האָט נישט געהאַט די גייסטיקע און מאָראַלישע פֿעיקייטן, וואָס האָבן יאַנאָווסקין געמאַכט פֿאַר אַזאַ גוטן רעדאַקטאָר און באַליבטן רעדנער. נאָך יאַנאָווסקין האָט די רעדאַקציע איבערגענומען י. קאַפּלאַן, וועמען עס האָבן געפֿעלט רעדאַקציאָנעלע און ליטעראַרישע פֿעיקייטן אָנצוהאַלטן די צייטשריפֿט ביים לעבן. נאָך זעקס נומערן אונטער דער נייער רעדאַקציע האָט זיך די צייטונג אָפּגע־

שטעלט. ערשט מיט אַכצן חדשים שפּעטער האָט דער „אַרבייטער־פריינד" ווידער דערזען די ליכטיקע שיין אויף דער לאָנדאָנער איסטענד. דאָס מאָל אונטער דער רעדאַקציע פון ווילּיאַם וועס, אַ פּיאָנער פון דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג און אַ געטרייער חבר, וועלכער איז נאָך געשטאַנען ביים וויגעלע פונעם „אַרבייטער־פריינד".

ווילּיאַם וועס איז געבוירן געוואָרן מיט איבער אַכציק יאָר צוריק אין ליבאַווע, באַלטישער געגנט. שוין אַלס יונגער בחור איז ער אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, ווו ער האָט זיך באַלד באַקענט מיט דעם קליינעם קרייז חברים, וואָס האָבן אָנגעהויבן בויען די יידישע באַוועגונג אויף דער איסט־ענד. ער האָט געהאַט באַקומען אַ וועלט־לעכע דערציונג נאָך אין דער אַלטער היים. אין לאָנדאָן איז אים שנעלער און לייכ־טער אָנגעקומען זיך אויסצולערנען ענגליש. דאָס האָט אים געהאָלפן אין זיינע ווייטערדיקע סטודיעס. אַזוי אַרום האָט ער זיך דערוואָרבן אַ געוויסע מאָס קענטע־ניש, וואָס האָט אים געמאַכט פעיק צו ווערן דער רעדאַקטאָר פון אַרב.־פר." עס איז ביי וועסן נישט געווען קיין פראַגע פון געלט אָדער כבוד, וואָס האָט אים גע־שטויסן צו ווערן דער רעדאַקטאָר פונעם „אַרבייטער־פריינד". וועס איז געווען אַ שטילער באַשיידענער מענטש, וואָס האָט געטריי געדינט דער באַוועגונג, נישט פאָ־דערנדיק קיין עפנטלעכע אָנערקענונג פאַר זיין אומדערמידלעכער אַרבעט. אָבער די באַוועגונג האָט אָן אַ צייטונג נישט געקאָנט עקזיסטירן. און אַזוי ווי עס איז נישט געווען קיין אַנדערער, וועלכער זאָל אויף זיך נעמען די שווערע אויפגאַבע, האָט ווער נאָכגעגעבן די בקשות פון זיינע חברים און איז געוואָרן רעדאַקטאָר. ווער, פאַרשטייט זיך, איז נישט געווען אַזאַ רעדאַקטאָר ווי יאַנאָווסקי. אָבער ער האָט זיין אַרבעט געטאָן בשלימות, און עס איז אים געלונגען צוזאַמענצושטעלן אַ גוטע, לייענבאַרע צייטונג, וואָס האָט דערפילט איר חוב צו דער באַוועגונג.

יאַנאָווסקי האָט געהאַט בייצוקומען אומגלויבלעכע שוועריקייטן. אָבער פאַר ווען איז די לאַגע געוואָרן נאָך ערגער, וואָרן נישט בלויז האָט ער געדאַרפט אַליין שרייבן, נאָר אפילו אויך אַליין זעצן די צייטונג, מחמת די באַוועגונג האָט נישט געהאַט קיין געלט פאַר אַ זעצער. דער בערנער־סטריט־קלוב איז דערווייל אונטער־געגאַנגען. דער „אַרבייטער־פריינד" האָט געפונען אַ פּלאַץ פאַר זיך אויפן בוידעם פון אַן אַלט, האַלב־איינגעפאַלן הויז אויף ראַמפאַרד סטריט, אַן ענגע, שמוציקע, פינצטערע גאַס. אויב מ׳האָט געוואָלט אָנקומען אין רעדאַקציע, האָט מען צוערשט געמוזט קלעטערן אויף אַ האַלב־צעפוילטער לייטער אויפן בוידעם אַרויף. אָבער דאָס דירה־געלט איז געווען ביליק. און דאָס איז דעמאָלט געווען די הויפּטזאַך, וואָרן די פּיאָנערן פון דער באַוועגונג זיינען דעמאָלט געווען אין אַ זייער קלאָגנדיקן צו־שטאַנד. עס איז זיכער נישט געווען קיין אַנדערע אַרבעטער־צייטונג אין דער וועלט, וואָס זאָל צוזאַמענגעשטעלט און אַרויסגעגעבן ווערן אונטער אַזעלכע גרויסע קבצני־שע באַדינגונגען.

ווער, וועלכער האָט איבערגענומען די רעדאַקציע אין 1895, איז געבליבן

אויף זיין פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אַ יאָר צייט, ווען גאַנץ אומדערוואַרט האָט אים די באַוועגונג באַפרייט פון זיין שווערער אַרבעט.

אין 1895 איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַ יונגער, שטילער מענטש. אַזוי ווי ער איז נאָר אַראָפּ פון דער שיף, האָט ער באַלד אויפגעזוכט וויליאַם וועסן. זיין נאָמען איז געווען אברהם פרומקין, איינער פון די זעלטנסטע און ליבסטע מענטשן, וואָס איך האָב אין מיין גאַנץ לעבן באַגעגנט.

פרומקין איז געבוירן געוואָרן אין 1872, אין ירושלים. זיין פאָטער איז גע־ווען אַן אָנגעזעענער מאַן אין דער דאָרטיקער יידישער קהילה. ער איז אויך געווען יאָרנלאַנג דער אַרויסגעבער פון אַ העברעיש וואָכנבלאַט. אברהם פרומקין איז גע־וואָרן אַ לערער פון אַראַביש אין יפו. אין 1891 איז ער געפאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָ־פּאָל, כדי דאָרט צו שטודירן יוריספּרודענץ אויף אַ סמך פון אַ צוגעזאָגטער סטי־פּענדיע. שפּעטער איז פון דער צוגעזאָגטער אונטערשטיצונג גאָרנישט געוואָרן און פרומקין האָט געמוזט אויפגעבן זיין שטודיום. ער האָט אָנגעהויבן אַרומזוכן אַן אַנדער באַשעפטיקונג. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט ער זיך באַקענט מיט דעם ציוניס־טישן אַגיטאַטאָר יוסף סעף. און פרומקין איז אויף אַ געוויסער צייט געוואָרן אַ חובב־ציון. אין 1893 איז ער געפאָרן קיין ענגלאַנד, פונוואַנען ער איז נאָך אַ קורצן אויפהאַלט געפאָרן קיין אַמעריקע. אין ניו־יאָרק האָט ער זיך צום ערשטן מאָל באַ־קענט מיט אַנאַרכיסטישע אידעען, ביי וועלכע ער האָט זיך געהאַלטן זיין גאַנץ לעבן לאַנג.

אין 1894 האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אָנגעלאָדן מיט אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור, וועלכע ער האָט מיט יוגנטלעכער התלהבות פאַרשפּרייט צווישן זיינע אַלטע פריינט, ווען ער האָט געוואָלט געווינען פאַר זיינע נייע אידעען. שוין בעת זיין ערשטן אויפהאַלט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט אים דער צופאַל אַריינ־געפירט אין דעם גאַסטפריינטלעכן הויז פון משה און נאַסטיאַ שאַפּיראָ. ער האָט באַלד פאַרבונדן אַן ענגע פריינטשאַפט מיט דעם ליבן פּאָרפאָלק. שאַפּיראָס הויז איז דעמאָלט געווען דער זאַמלפּונקט פון אַלע גייסטיק רעגזאַמע יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיט די טיפערע סאָציאַלע פּראָבלעמען פונעם לעבן. נאָך זיין צוריקקער האָט פרומקין געפּרוווט געווינען זיין פריינט שאַפּיראָ פאַר די נייע געדאַנקען. דאָס איז אים נישט צו שווער אָנגעקומען, וואָרן שאַפּיראָ איז געווען אַ שטרעבזאַמער, זייער באַלעזענער יונגערמאַן מיט אַ לעבעדיקן טעמפּעראַמענט. ער איז פון דער נאַטור געווען גענייגט צו פרייהייטלעכע אידעען.

משה שאַפּיראָ האָט געשטאַמט פון אַ רייכער יידישער מישפּחה אין דרום־רוס־לאַנד. ער האָט באַקומען אַ זייער גוטע דערציונג; און שוין אַלס יונגער סטודענט איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. צוליב דעם טאַקע האָט ער געמוזט אַנטלויפן פון רוסלאַנד און זיך באַזעצן אין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל. פאַר די־אָ יונגעלייט האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון אינטענסיוון שטודירן. שאַפּיראָ איז געוואָרן אַזוי באַגייסטערט פאַר די נייע אידעען, אַז ער האָט

געמאַכט אַ ספּעציעלע רייזע קיין מערב־אייראָפּע, ווו ער האָט באַזוכט פּאַריז און לאָנדאָן.

ער האָט איינגעקויפט יעדעס שטיקל אַנאַרכיסטישע ליטעראַטור, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט געפינען. ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך אַ סך פראַנצויזישע אויסגאַבעס פון קראָפּאָטקין, רעקליו, גראַוו, מאַלאַטעסטאַ און אַנ־דערע. דער קליינער קרייז אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ פרישן קוואַל פאַר נייע סטודיעס. אין לאָנדאָן האָט שאַפּיראָ אָנגעקניפּט באַציונגען מיט די רוסישע און יידישע חברים. און ווען דער „אַרבייטער־פריינד" האָט ווידער אָנגעהויבן צו דערשיינען, האָט מען אים צוגעשיקט אין דער טערקישער הויפּטשטאָט, ווו ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג מיצד די נייע חברים. דאָס האָט געפירט דערצו אַז פרומקין האָט אָנגעהויבן רעגולער צושיקן קורצע דערציילונ־גען, באַריכטן און קלענערע אַרטיקלען. אין לאָנדאָנער „אַרבייטער־פריינד", ווו עס האָבן געפעלט מיטאַרבעטער, האָט אים וויליאַם וועס, דער דעמאָלטיקער רעדאַקטאָר, אויפגענומען בכבוד גדול און אים געגרן און מיט פאַרגעניגן געדרוקט. דעם יונגן פרומקין איז אָבער געוואָרן צו ענג אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ער האָט געבענקט נאָך אַ ברייטערן ווירקונגס־קרייז. אונטער די דעמאָלטיקע פּאָליטישע באַדינגונגען אין טערקיי, האָט ער אַזאַ געגאַרטע סביבה נישט געקאָנט געפינען. האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן קיין לאָנדאָן. אויך שאַפּיראָ האָט נישט געוואָלט לענגער בלייבן אין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל. האָט מען באַשלאָסן אויפצושטעלן אַ קליינע דרוקעריי אין לאָנדאָן און אַרויסצוגעבן יידישע ביכער און בראָשורן. איז באַשטימט געוואָרן, אַז צוערשט זאָל פאָרן פרומקין און מאַכן די נויטיקע צוגרייטונגען, און שפּעטער אַביסל זאָלן קומען שאַפּיראָ מיט זיין בני־בית. און אַזוי איז עס טאַקע געשען.

א. פרומקין איז נישט געווען קיין פרעמדער אין לאָנדאָן, ווען ער איז אָנגעק־קומען אַהין אין 1895 אָדער 1896. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פונעם „אַרבייטער־פריינד", און וועס מיט די אַנדערע חברים האָבן אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. ער איז תיכף געוואָרן אַ מיטגליד פון דער אַר־בעטער־פריינד־גרופּע. און אַזוי ווי וועס האָט אָנגעהאַלטן דעם שווערן רעדאַקציע־פּאָסטן בלויז מחמת פליכט־געפיל, האָט ער אַביסל שפּעטער פאָרגעשלאָגן פרומקי־נען דעם אַמט. ווען פרומקין איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט, האָט ער איבערגענומען אַ ירושה, וואָס פון מאַטעריעלן שטאַנדפּונקט האָט אים קיינער נישט געהאַט וואָס מקנא צו זיין. פונעם גייסטיקן שטאַנדפּונקט, אָבער, האָט פרומקין איצט געהאַט די בעסטע געלעגנהייט צו אַנטוויקלען זיינע זשורנאַליסטישע פעיקייטן, און ער האָט אויך געקאָנט דינען דער באַוועגונג מיט זיין גאַנצער יוגנטלעכער התלהבות. דערווייל זיינען אויך די שאַפּיראָס אָנגעקומען קיין לאָנדאָן. דערמיט האָט די באַוועגונג צוגעקראָגן צוויי אויסגעצייכנטע כוחות, אין וועלכע זי האָט זיך דעמאָלט טאַקע זייער שטאַרק גענויטיקט. משה שאַפּיראָ האָט אין לעיטאָן, אַ קליין שטעטל נעבן לאָנדאָן, איינגעאָרדנט אַ קליינע דרוקעריי, און אָנגעהויבן אַרויס־צוגעבן אין יידיש, אין וועכנטלעכע פאָרזעצונגען, סטעפּניאַקס „אונטערערדישע

רוסלאַנד״. פרומקין האָט געוווינט ביי שאַפּיראָן, ביי וועמען ער האָט געאַרבעט צוויי טעג אַ וואָך אַלס זעצער. די איבעריקע צייט האָט ער איינגאַנצן אַוועקגעגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד״.

פרומקין איז געווען אַ גוטער רעדאַקטאָר. ער האָט געהאַט אַ לייכט, לעבעדיק לשון און אַ פיין געפיל פאַר סטיל. דידאַזיקע מעלות האָבן אים שפּעטער געמאַכט פאַר איינעם פון די בעסטע און אָנגעזעענסטע איבערזעצערס אין יידיש. דערצו האָט ער נאָך באַהערשט עטלעכע פון די וויכטיקסטע אייראָפּעיִשע שפּראַכן. דורך געוויסנהאַפטע און אויסגעצייכנטע איבערזעצונגען פון באַקאַנטע אויסלענדישע אַנאַרכיסטישע ווערק, האָט זיך פרומקין פאַרטיפט אין די טעאָרעטישע קענטענישן פון אונדזער באַוועגונג. אויך ער האָט געהאַט זייער ווייניק מיטאַרבעטער, און, פּונקט ווי זיינע פאָרגענגער, האָט ער זייער אָפט געמוזט אַליין אויספילן די צייט־שריפט. שאַפּירא, וועלכער האָט געשריבן אַ גוטן, פליסיקן יידיש, איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אים אַביסל צוגעהאָלפן, ספּעציעל פון אָנהויב. ערשט שפּע־טער, ביסלעכווייז, איז פרומקינען געלונגען צוציען עטלעכע זייער גוטע מיטאַרבע־טער, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען ד״ר בן־ציון פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דערדאָ־זיקער דאָקטאָר איז געווען אַ שטיקל סקעפּטיקער, אָבער אַ פיינגייסטיקער שרייבער, וועלכער האָט זיינע אינטערעסאַנטע אַרטיקלען אונטערגעשריבן מיט דעם טשיקאַוון נאָמען „דאָס קליינע מענטשעלע״.

אונטער פרומקינס רעדאַקציע איז אויך דערשינען אינעם „אַרבייטער־פריינד״ משה קאַצס פיינער עס״י „פונעם טאָגבוך פון אַן איבעריקן מענטש״. קאַץ איז דע־מאָלט געווען דער רעדאַקטאָר פון דער ניו־יאָרקער „פרייע געזעלשאַפט״; ער איז געווען איינער פון די גייסטרייכסטע און בעסטע יידישע שרייבערס אין אַמעריקע. אַחוץ די שוין דערמאָנטע, האָבן אויך דעמאָלט (און שפּעטער אונטער מיין רעדאַק־ציע) מיטגעאַרבעט א. ל. וואָלפסאָן און אַלבערט לעווין. ביידע האָבן באַרייכערט די צייטשריפט מיט רעוואָלוציאָנערע פּאָעמעס און אינטערעסאַנטע באַריכטן פון דער אַמעריקאַנישער אַרבעטערבאַוועגונג.

פרומקינס פּאָסטן איז נישט געווען קיין לייכטער. דער „אַרבייטער־פריינד״ האָט זיך געפונען אין אַ כסדרדיקן פינאַנציעלן קריזיס. נאָר דורך די גרויסע קרבנות, וואָס היינט קאָן מען זיך אַזעלכעס גאָר נישט פאָרשטעלן, פון אַ קליינער צאָל איבער־געגעבענע חברים, איז די צייטשריפט געבליבן לעבן. דער, וואָס האָט אַליין נישט אַדורכגעמאַכט דעמדאָזיקן פּעריאָד, וועט נישט קאָנען באַגרייפן די גרויסע שוועריקייטן, וועלכע די באַוועגונג האָט געמוזט בייקומען, כדי נישט אונטערצוגיין. מ׳האָט געלעבט בוכשטעבלעך פון האַנט צום מויל. יעדע וואָך איז מען נישט געווען זיכער, צי דער קומענדיקער נומער וועט קאָנען דערשיינען. פרומקין האָט מיט יאָרן שפּע־טער, מיט אַ פיינעם הומאָר, איבערגעגעבן זיינע איבערלעבענישן פון יענער צייט, אין זיין בוך „אינעם פרילינג פון יידישן סאָציאַליזם״, וואָס איז דערשינען אין 1940, אין ניו־יאָרק. עס האָט אויך געזאָלט דערשיינען אַ צווייטער באַנד פון דעם

אויסגעצייכנטן ווערק. אָבער דער פּלוצלונגער טויט זיינער (אין מאַי, 1940) האָט געמאַכט אַ סוף צו פּרומקינס פּלענער.

אונטער פּרומקינס רעדאַקציע האָט דער „אַרבייטער־פריינד" געמוזט צוויי מאָל זיך אָפּשטעלן. די צייטן זיינען אָפּטמאָל געווען אַזוי שווער, אַז אַפילו די גרעסטע קרבנות האָבן נישט געקאָנט בייקומען די כראָנישע פינאַנציעלע קריזיסן. דאָס ערשטע מאָל האָט די צייטשריפט זיך אָפּגעשטעלט בלויז אויף עטלעכע וואָכן. אָבער דאָס צווייטע מאָל, אין פרילינג 1897, איז די לאַגע שוין געווען אַן ערנסטערע. פּרומקין איז נישט געווען קיין רעדנער. ער האָט געקאָנט דינען זיינע אידעען נאָר מיט דער פּען. דעריבער, ווען די צייטשריפט האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט פּרומקין אַ סך געליטן פון דער געצוווּנגענער אומטעטיקייט. זיין פריינט שאַפּיראָ, וועלכער האָט זיך געמוזט צוריקקערן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט אים איבערגעלאָזט אַ קליינע דרוקעריי. איז אים איינגעפאַלן דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אַ קליינע צייטונג אויף אייגענער אחריות. אַזוי איז אין 1897, אין לאָנדאָן, געבוירן געוואָרן „דער פּראָפּאַ־גאַנדיסט", אַ קליין בלעטל, איינגאַנצן געווידמעט דער פּראַקטישער פּראָפּאַגאַנדע פאַרן אַנאַרכיזם. דאָס בלעטל האָט זיינע אויפגאַבעס, אונטער די אומשטענדן, זייער גוט דערפילט. פּרומקין האָט אַליין געשריבן, אַליין געזעצט און אַליין געדרוקט דאָס צייטונגל. עטלעכע חברים האָבן אים געהאָלפן עס פאַרשפּרייטן. „דער פּראָפּאַ־גאַנדיסט" איז נישט דערשינען רעגולער. ווען נאָר מ'האָט צוזאַמענגעקליבן אַ פּאָר פּעניס פאַר די נויטיקסטע אויסגאַבן, האָט מען אַרויסגעלאָזט אַ נומער. בסך־הכל זיינען דערשינען עלף נומערן.

נאָכדעם ווי אויך דאָס קליינע בלעטל האָט געמוזט זיך אָפּשטעלן, איז פּרומקין געפאָרן קיין ליווערפּול, ווו די חברים האָבן געהאַט בדעה אַרויסצוגעבן אַ צייטונג. עס איז אָבער פון דעם פּלאַן גאָרנישט געוואָרן, ווייל, ווי שטענדיק, ס'האָבן געפעלט די פינאַנציעלע מיטלען. איז פּרומקין געפאָרן קיין לידז, וווהין די דאָרטיקע חברים האָבן אים פאַרבעטן. אין לידז האָט דעמאָלט געוווינט חבר פרידענטאַל, וועלכער האָט געהאַט דאָרט אַן אייגענע קליינע דרוקעריי. האָט ער פאָרגעשלאָגן פּרומקינען צו איבערזעצן אין יידיש סטעפּניאַקס „דאָס לעבן פון אַ ניהיליסט". פּרומקין האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען, און די איבערזעצונג איז דערשינען אין וועכנטלעכע העפטן.

אין לידז האָט דעמאָלט עקזיסטירט אַ קליינע גרופּע פון סימפּאַטישע חברים; זיי האָבן דאָרט, אין דער פּעסטונג פונעם אָרטאָדאָקסישן יידנטום, אָנגעפירט אַ לעבעדיקע רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע. פּרומקין האָט זיך דאָרט גאַנץ גוט גע־פילט. אָבער צוליב דעם, וואָס זיין פּערזענלעכע לאַגע איז געוואָרן שווערער, האָט ער באַשלאָסן, סוף זומער, 1898, זיך איבערצוציען קיין פּאַריז. ער איז דאָרט גע־בליבן אַ יאָר צייט. און אין 1899 האָט ער געמאַכט זיין צווייטע רייזע קיין אַמעריקע.

מיט פּרומקינס אָפּפאָר פון ענגלאַנד איז אויך פאַרשוווּנדן יעדע מעגלעכקייט ווידער אַרויסצוגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד". עס איז פּשוט נישט געווען ווער ס'זאָל איבערנעמען די רעדאַקציע. וויליאַם וועס איז געווען דער איינציקער, וועל־

כער וואָלט עס יאָ געקאָנט טאָן. אָבער דאָס מאָל האָט ער בשום אופן זיך נישט געלאָזט איבעררעדן. נאָך זיינע שווערע פּערזענלעכע דערפאַרונגען אַלס רעדאַקטאָר איז געווען לייכט צו פאַרשטיין זיין עקשנות. אַחוץ דעם איז וועס דעמאָלט געווען זייער אַקטיוו אין דער ענגלישער באַוועגונג; ער האָט אַוועקגעגעבן זיין גאַנצע פרייע צייט צו דער „פרידאָם גרופּע". אויף דער איסט־ענד איז ער געקומען זייער זעלטן, נאָר דעמאָלט, ווען ער האָט דאָרט געדאַרפט האַלטן אַ רעפעראַט*). עס האָט טאַקע אויסגעזען, אַז דער „אַרבייטער־פריינד" איז, נאָך צוועלף יאָר שווערע אָנגע־שטרענגטע אַרבעט, ענדלעך און ענדגילטיק אונטערגעגאַנגען.

דעמאָלט האָט דער צופאַל מיך טיפער אַריינגעפירט אין דער יידישער באַוועגונג. און אַזוי איז עס געשען, אַז דער „אַרבייטער־פריינד" איז, נאָך אַכצן חדשים, ווידער דערשינען דעם 19טן אָקטאָבער 1898, אונטער מיין רעדאַקציע. צוליב אַן אומגליקס־פאַל האָט די צייטשריפט אַביסל שפּעטער זיך ווידער געמוזט אָפּשטעלן. אָבער ווען זי איז ווידער דערשינען, איז זי אַרויסגעגאַנגען אָן אַן איבעררייס אין משך פון גאַנצע פערצן יאָר, ביז צו דער ערשטער וועלט־מילחמה, ווען די ענגלישע רעגירונג האָט מיך אַרעסטירט און פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע לאַגער. די חברים האָבן נאָך שפּעטער אַרויסגעגעבן די צייטשריפט אין משך פון אַכצן חדשים, ביז זיין בריטישער מאַיעסטעטס רעגירונג האָט ענדלעך געמאַכט אַ געוואַלטזאַמען סוף צו איר.

---

*) וויליאַם וועס איז געבליבן אַקטיוו אין ענגלאַנד נאָך אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן. ער איז געשטאָרבן אין 1946, אין לאָנדאָן, אין עלטער פון די הויכע אַכציקער יאָרן.

# אַ שווערער אַנהויב

די דרוקעריי און אַדמיניסטראַציע פון דער גרופּע „אַרבעטער־פריינד" האָט זיך דעמאָלסט געפונען אויף טשענס סטריט, אַ קליין ענג געסל אין דער געדיכט־באַוווינטער געגנט פון בעטנאַל גרין מיט אירע פאַרפּינצטערטע גאַסן און געסלעך, וועלכע מאַכן אַזאַ שווערן און דערדריקנדיקן איינדרוק מיט זייער מרה־שחורהדיקייט. די גרופּע האָט דעמאָלסט געהאַט פון 12 ביז 15 אַקטיווע מיטגלידער, צווישן זיי. י. קאַפּלאַן, ד. איזאַקאָוויטש, ט. אייגעס, י. זאַבעלינסקי, ב. שאַץ, ס. פּלאַסטשאַנסקי, י. בלאַט, ס. פריימאַן, ה. גרינבערג, י. טאַפּלער, מ. קערקעלעוויטש, ב. רובינשטיין, אַ. באַנאַף און אייניקע אַנדערע. אויך מילי האָט שוין פון זינט עטלעכע יאָר פאַר אונדזער אָפּפאָר פון לאָנדאָן באַלאַנגט צו דער גרופּע. דער רוב פון יענע חברים איז מיר שוין געווען באַקאַנט פון פריער; איך בין, בכן, נישט געווען קיין פרעמדער אין יענעם קרייז.

פאַרשטייט זיך, אַז די צאָל יידישע אַנאַרכיסטן איז נישט געווען באַשרענקט אויף די אַרויסגעבער פון דער צייטונג. ס'איז אויף דער איסט־ענד תמיד געווען פאַר־שידענע גרופּן מיט באַזונדערע אויפגאַבן. דער רוב חברים פון יענער צייט האָט ביכלל נישט באַלאַנגט צו קיין שום גרופּע, נייערט געהאָלפן דאָרט, ווו מ'האָט זיי פונקט געדאַרפט האָבן. כימעט אַלע זיינען זיי געווען אַקטיוו אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און געווען אַזעלכע מינים פאַרבינדונגס־מיטגלידער צווישן אָט־די פאַריינען און דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. זיי פלעגן רעגלמעסיק קומען אויף אַלע אונדזערע אונטערנעמונגען, האָבן פאַרשפּרייט די צייטונג און אונדזערע בראָשורן און ביכלל אונטערגעשטיצט די באַוועגונג מיט וואָס און ווו נאָר זיי האָבן געקאָנט. די גרופּע „אַרבעטער־פריינד" איז בלויז געווען דער יאָדער פון דער באַוועגונג; זי איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן דערשיינען פון דער צייטונג און פאַר אַלץ, וואָס האָט דערצו געהאַט אַ שייכות.

די ערשטע זיצונג פון דער גרופּע, ביי וועלכער איך האָב זיך באַטייליקט, האָט זיך פאַרנומען מיט די פינאַנציעלע עיניינים פאַרן רעגלמעסיקן דערשיינען פון דער צייטונג, וועלכע זיינען נישט געווען אַזוי פויגלדיק. דורך זאַמליסטעס איז צו־נויפגעזאַמלט געוואָרן צען אָדער צוועלף פונט. חוץ דעם האָט די גרופּע געהאַט געשאַפן איבער צוואַנציק פונט בערך פון אַן אַנטירעליגיעזער יום־כיפּור־אונטער־נעמונג. עס זיינען נאָך צוגעקומען אייניקע פונט, וועלכע די חברים פון לידז האָבן

צוגעשיקט פאַר דער גרופּע. מיט אָט־דער שטאַרק באַשיידענער סומע האָט מען מחיה־מתים געווען דעם „אַרבייטער־פריינד". אָבער די חברים זיינען געווען פול מיט האָפענונג און זיך זייער שטאַרק פאַרלאָזט אויף דער אונטערשטיצונג פון די אַמעריקאַנישע חברים, ביפרט דערפאַר, וואָס חוץ דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל „די פרייע געזעלשאַפט" איז דעמאָלסט דאָרט נישט אַרויס קיין שום אַנאַרכיסטישער אָרגאַן אין יידיש.

דידאַזיקע האָפענונג אויף דער שטיצע פון אַמעריקע איז טאַקע נישט געווען אומבאַגרינדעט, ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן. זי האָט געהאַט אַ שייכות מיט אומשטענדן, וואָס איך האָב אַזעלכע אין דער באַוועגונג פון קיין שום אַנדערן לאַנד נישט באַמערקט. דער רוב יידישע אימיגראַנטן, וועלכע זיינען געקומען קיין ענגלאַנד פון די מיזרח־לענדער, פלעגן בדרך כלל נאָך עטלעכע יאָר אָפּפאָרן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן אָדער אין אַנדערע לענדער מעבר לים. אַ סך פון זיי האָבן אין לאָנדאָן באַקומען זייער ערשטע פרייהייטלעכע און סאָציאַליסטישע דערציונג. ווען זיי האָבן זיך שפּעטער באַזעצט אין קאַנאַדע, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַרגענטינע אָדער זידאַפריקע, האָבן זיי מיטגעפירט מיט זיך די אידעען, וועלכע זיי האָבן אויפ־גענומען אין לאָנדאָן, און זיי געגומען פאַרשפּרייטן ווו נאָר דאָס האָט זיך געלאָזט. זיי האָבן אין זייער נייער סביבה געגרינדעט גרופּעס פון מענטשן, וועלכע האָבן גע־דענקט אַזוי ווי זיי און זיי זיינען כסדר געשטאַנען אין שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט זייער פריערדיקן ווירקונגסקרייז. ענגלאַנד איז פאַר זיי געווען דאָס מוטערלאַנד פון דער באַוועגונג, מיט וועלכער זיי זיינען געבליבן גייסטיק פאַרבונדן. פון דאָרט האָבן זיי זיך געלאָזט צושיקן דעם „אַרבייטער־פריינד" און די אַנאַרכיסטישע בראָשורן און זיי האָבן דעריבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן מאַטעריעל צו אונטערשטיצן די באַ־וועגונג אין לאָנדאָן, אַזוי גוט ווי זיי האָבן נאָר געקאָנט. אויף דעם אופן איז לאָנדאָן געוואָרן אַזאַ מין „קלירינג האָוז" פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. פון דאָרטן האָבן זיך געצויגן די פעדים אין אַלע לענדער, ווו ס'האָבן געלעבט גרעסערע מאַסן יידישע אימיגראַנטן, און אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן אָט־די פעדים אַפילו דערגרייכט קיין רוסלאַנד און פוילן, און ס'האָבן זיך אין ביאַליסטאָק, גראָדנע, ווילנע, וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע שטעט אָנגעהויבן מערקן די ערשטע סימנים פון דער זיך אויסשפּרייטנדיקער אונטערערדישער אַנאַר־כיסטישער באַוועגונג. לאָנדאָן האָט אָנגעהאַלטן דידאָזיקע פּאָזיציע ביז צום סוף פונעם ערשטן וועלטקריג, ווען די פאַרשאַרפונג פון די אימיגראַציע־געזעצן און די אָפּשאַפונג פונעם אַזילרעכט אין ענגלאַנד האָבן געמאַכט אַ סוף צו דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער דאָרטיקער יידישער באַוועגונג.

דאָס באַנייאיקע דערשיינען פונעם „אַרבייטער־פריינד" איז אויפגענומען געוואָרן מיט שטאַרקער פרייד סיי פון די חברים אין לאַנד און סיי אין אַמעריקע. פון אַלע זייטן זיינען אָנגעקומען בריוו און באַגריסונגען, וועלכע האָבן אונדז נישט ווייניק דערמוטיקט אין דער שווערער אַרבעט, וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן מיט אַזעלכע שוואַכע מיטלען.

פאַר מיר גופא האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ פעריאָד פון אָנגעשטרענגטער און שווערער אַרבעט. מחמת מיין נייע אויפגאַבע איז נישט געווען קיין פשוטע. שוין נישט רעדנדיק פון די כימעט אומבאַזיגבאַרע פערזענלעכע שוועריקייטן, מיט וועלכע אַלע מיינע פאַרגייער האָבן זיך געדאַרפט ראַנגלען, האָב איך געהאַט נאָך אַ שטרויכלונג, וועלכע איך האָב נישט געקאָנט אַזוי לייכט גובר זיין. קודם־כל האָב איך זיך געמוזט ביסלעכווייז, בהדרגהדיק, אַריינלעבן אין דער נייער שפּראַך און פּרווון זיך צו אָריענטירן, אויסקענענדיק אין דער נייער פאַר מיר פרעמדלעכער סביבה, אין וועלכער איך בין אַזוי אינמיטן דרינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן. ס׳איז אמת, אַז שוין זינט יאָרן ווי איך שטיי אין נאָענטע, פאַרטרוילעכע באַציונגען מיט אַלע אַקטיווע חברים פון דער יידישער באַוועגונג, אָבער דער גרויסער רוב פון די יידישע לייענער, צו וועלכע מיר איז איצט אויסגעקומען זיך צו ווענדן יעדע וואָך, איז פאַר מיר נאָך פאַרבליבן אַ פאַרזיגלט בוך, וועלכעס איך האָב ערשט געקאָנט צעעפענען ביסלעכווייז, פּאַמעלעך. ביי יעדן אַנדערן פאָלק און אין יעדער אַנדערער שפּראַך וואָלט מיר דאָס בלי שום ספק אָנגעקומען לייכטער. צווישן די צענטראַלע און מערב־אייראָפּעישע פעלקער איז פאַראַן אַ שלל בשותפותדיקע גייסטיקע און סאָציאַלע באַציונגען און שייכותן, וועלכע זיינען אַרויסגעקומען פון אַ געמיינשאַפטלעכן קולטורקרייז און וועלכע קיין שום קינסטלעך־געשאַפענע גרענעצן האָבן נישט געקאָנט באַווירקן. די גאַנצע געשיכטע פון יענע פעלקער איז אינערלעך אַזוי שטאַרק צונויפגעבונדן און אַזוי ענג צוזאַמענגעהעפט צווישן זיך, אַז מ׳קאָן קיינמאָל נישט אַרויס פון דעם אַרומנעם־קרייז, וועלכער רינגלט־אַרום זייער גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע קולטור.

די נייע וועלט אָבער, אין וועלכער איך בין אַזוי פּלוצים אַריינגעפאַלן, האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן אויסזען. אַוודאי זיינען אויך דאָ די אַלגעמיין־מענטשלעכע באַציונגען געווען דיזעלביקע ווי ביי אַלע אַנדערע מענטשן־גרופּעס. אָבער די מענטשן גופא זיינען אויסגעוואַקסן ביי גאַנץ אַנדערע אומשטענדן. די גייסטיקע תנאים פון זייער אַנטוויקלונג זיינען נישט געווען דיזעלביקע. די אַזויגערופענע קריסטלעכע ציוויליזאַציע, מעגן מיר זי באַטראַכטן פון וועלכן קוקווינקל מיר ווילן נאָר, האָט געשאַפן דעם אייראָפּעישן מענטש, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון אַ בשותפותדיקער אמונה און איז במשך פון דורות אויפגעהאַלטן געוואָרן צוזאַמען דורכן בונד פון דער קירך. דער ייד אָבער איז געווען אויסגעשלאָסן פון אָט־דעם אַנטוויקלונגספּראָצעס. און כּדי צו קאָנען אויפהאַלטן זיין קיום אין אַ פיינטלעכער סביבה, האָט ער זיך געמוזט אַנטוויקלען מחוץ דער אַלגעמיינער ראַם און זיך שאַפן אַן אייגענע וועלט, וועלכע איז געווען לגמרי אַנדערשדיק פון דער קריסטלעכער. אין די מערבדיקע לענדער, ווו ער האָט שפּעטער ביסלעכווייז באַקומען בירגעררעכט, האָט ער מיט דער צייט באַוויזן אַריבערצושפּאַנען דעם גייסטיקן תהום, וועלכער האָט אים אין משך פון דורות אָפּגעשיידט פון זיינע קריסטלעכע שכנים, כּדי זיך צוזאַמען מיט זיי צו באַטייליקן אינעם אַלגעמיינעם קולטורלעבן. אָבער אין די וויטע געטאָשטעטע פונעם מיזרח, ווו די קינסטלעך־געשאַפענע אונטערשיידן האָבן זיך צוליב דעם רוסישן דעספּאָטיזם אויפגעהאַלטן פיל לענגער ווי אין מערב־אייראָפּע,

איז אויך דער איינפלוס פון דער פּאַרציייטיקער יידישער טראַדיציע געבליבן גאַנץ שטאַרק לפּחות אַ גאַנץ יאָרהונדערט לענגער אין פולער גילטיקייט און זי האָט דאָס אויף דעם אַזויגערופענעם מיזרח־ייִד אַרויפגעלייגט יענעם אייגנאַרטיקן חותם, וועל־כער אונטערשיידט אים זייער שטאַרק פונעם ייד פון אַנדערע לענדער.

דאָ האַנדלט זיך בשום אופן נישט פון קיין נאַציאָנאַליסטישע אייגנטימלעכקייטן, מחמת דער ציוניזם איז נאָך דעמאָלסט געווען גאַנץ שוואַך און צווישן דער לאָנדאָנער יידישער אַרבעטערשאַפט האָט ער לגמרי נישט געהאַט קיין אָנהענגער. ניין; דאָס, וואָס לאָזט זיך דאָ באַמערקן, איז געווען אַ פועל־יוצא פון באַשטימטע לעבנספּאַר־העלטענישן, וועמענס גייסטיקע השפעה איז אַריבערגעגאַנגען פון דור צו דור. דער שטייגער לעבן און דענקען פונעם מיזרח־יידישן מענטש האָט זיך נאָך געהאַלטן אויף די סכאָלאַסטישע דרכים, וועלכע האָבן זיך שטאַרק אונטערשיידט פונעם ראַציאָנאַ־ליסטישן אופן דענקען פונעם שפּעטערדיקן מערב־אייראָפּעער. אָט־דער חילוק קומט בעיקר פונעם לערנמעטאָד פון דער יידישער טעאָלאָגיע, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף געוויסע הנחות און זיך מכוון געווען זיי צונויפצופירן מיט די דערשיינונגען פונעם לעבן אין אַ דיאַלעקטישן שייכות. נאָך היינט דערמאָן איך זיך זייער שטאַרק אין אַ ספּעציעלער פּאַסירונג, וועלכע האָט מיר דאָס בפירוש אַרויסגעבראַכט צום באַוווסטזיין.

איך האָב געהאַט פּאַרעפנטלעכט אינעם „אַרבייטער־פריינד״ אַ לענגערע סעריע אַרטיקלען וועגן דעם מאַטעריאַליסטישן באַנעם פון געשיכטע. האָב איך אויך איינ־איינוועגס נאַטירלעך אַרומגערעדט העגעלס דיאַלעקטישן מעטאָד. און כּדי צו מאַכן פאַר מיינע לייענער דעם עיניין גוט פאַרשטענדלעך, האָב איך זיך דעמאָלסט באַנוצט מיט אַ גאַנצער ריי פּשוטע ביישפּילן, וועלכע זאָלן פאַר זיי קלאָר מאַכן דעם באַנעם פונעם דייטשן פילאָזאָף וועגן דעם געשיכטלעכן שייכות צווישן די דערשיינונגען. דערויף האָב איך באַקומען אַ גרויסע צאָל בריוו פון חברים פון ענגלאַנד און אַמע־ריקע, פון וועלכע איך האָב דייטלעך געקאָנט אַרויסזען, אַז זיי האָבן אָן גאָר שווערער מי פאַרשטאַנען מיינע אויספירן.

אונדזער דרוקעריי איז דעמאָלסט איינגעשטאַנען אינעם הויז פון אַ יידישן סטאָ־ליאַר מיטן נאָמען בלום, אַן אינטעליגענטער מענטש אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט טאַקע נישט באַלאַנגט צום סאַמע יאָדער פון אונדזער באַוועגונג, אָבער ער איז געווען אַ פלייסיקער לייענער פון אונדזער בלאַט. בלום האָט מיר האַרציק געדאַנקט פאַר מיינע אויספירן וועגן העגעלס געשיכטס־פילאָזאָפיע און מיר דערקלערט, אַז ער האָט דורך דעם באַקומען אַן אַ שיער נייע אויסקוקן. ווען איך האָב אים אָבער גע־פּרוווט באַווייזן, אַז דאָס דענקען לויט טעזע, אַנטיטעזע און סינטעזע איז שטאַרק פּאַרפּירעריש, דערפאַר וואָס ס׳איז זיך מכוון די דערשיינונגען פון לעבן אויסצוסדרן לויט אַ באַשטימטער אָרדענונג בהסכם מיט אַן אויסגעחקרנטן מעטאָד אינעם קאַבי־נעט, אַ מעטאָד, וועלכער מוז דערפירן צו געפערלעכע סאָפיזמען, האָט ער דאָס אין משך פון אַ לאַנגער צייט נישט געקענט פאַרשטיין, און ס׳איז נאָך אַ ספק, צי ער האָט מיך איבערהויפּט פאַרשטאַנען. דווקא דאָס, וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר צום

שווערסטן פאַר דער פאַרשטייעניש פון די לייענער, דווקא דאָס האָט ער פאַרשטאַנען און באַנומען פאַרהעלטנישמעסיק לייכט, בעת דאָס, וואָס האָט זיך מיר אויסגעוויזן זייער פשוט, האָט אים געקאָסט פיל מער קאָפּברעכעניש.

אויך ביי די וועכנטלעכע רעפעראַטן און דיסקוסיעס האָב איך געהאַט דיזעלביקע דערפאַרונגען, ביפרט האָט זיך אָט־דער שטריך און נייגונג פאַר דיאַלעקטישע מסקנות שטאַרק אַרויסגעמערקט ביי די רעפעראַטן פון י. קאַפּלאַן, וועלכער איז אין יענער צייט זיכער געווען דער בעסטער רעדנער פון דער באַוועגונג. עס האַנדלט זיך דאָ בשום אופן נישט וועגן אַן אייגנשאַפט, וועלכע האָט איר יסוד אין דער טבע, נייערט וועגן אַ כאַראַקטעריסטיק פונעם דענקען גופא, וועלכעס האָט זיך אַרויסגעשיילט פון אַ באַשטימטער סביבה און זיך אויך שפּעטער נאָך געלאָזט מערקן, שוין אפילו דעמאָלסט, ווען די גייסטיקע קייטן פון יענער סביבה זיינען שוין לאַנג געווען צעריסן.

די מיטאַרבעטער, וועלכע איך האָב געהאַט אין דער ערשטער צייט, זיינען נישט געווען צו גרויס אין צאָל. אין לאָנדאָן גופא זיינען עס געווען בעיקר פריימאַן, איינער פון די פּיאָנערן פון דער יידישער באַוועגונג, וועלכער פלעגט שרייבן גאַנץ רעגל־מעסיק פאַר דער צייטונג. אויך פון י. קאַפּלאַן און ל. עלשטיין פלעג איך באַקומען פון צייט צו צייט אַרטיקלען. די חברים ד. איזאַקאָוויטש, ט. אייגעס און אַנדערע האָבן דעמאָלסט געשטעלט זייערע ערשטע שריט אויפן ליטעראַרישן געביט און אין יענער צייט האָבן זיי על־פּי־רוב צוגעשטעלט בלויז איבערזעצונגען פאַר דער צייטונג. מיין בעסטער און רעגלמעסיקער מיטאַרבעטער איז דעמאָלסט געווען א. פרומקין, וועמענס אַרטיקלען פון פּאַריז זיינען תמיד געווען זייער אָנרעגנדיק און געשריבן אין אַ זייער שיינעם סטיל. אַ גאַנץ נייער מיטאַרבעטער אינעם „אַרבייטער־פריינד" איז דעמאָלסט געווען ס. לינג, אַ יונגערמאַן, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג געהאַט געקומען פון רוסלאַנד. דאָרטן האָט ער באַלאַנגט צום „יידישן אַרבעטערבונד", אָבער שפּעטער, אין לאָנדאָן, איז ער אַריבער צום אַנאַרכיזם. לינג האָט געהאַט גוטע ליטעראַרישע פעיקייטן און ער האָט נאָך פריער געהאַט געשריבן פאַר דער אונטערערדישער פּרעסע אין זיין היימלאַנד. זיינע אַרטיקלען אינעם „אַרבייטער־פריינד" זיינען על־פּי־רוב פאַרעפנטלעכט געוואָרן אונטערן טיטל „געדאַנקען פון אַ מטורף" און זיינען געווען אָנגעלייגט ביים לייענער. לינג איז שפּעטער צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד און איז פון דעמאָלסט אָן ווייס איך נישט, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט.

אויך פון אַמעריקע האָב איך פון צייט צו צייט באַקומען אָנגעלייגטע אַרבעטן פון אַלטע מיטאַרבעטער פונעם בלאַט, צווישן זיי פון דר. מ. קאַן און ל. מאַלמעד פון ניו־יאָרק, ל. ראַבאַטניק (א. ל. וואָלפזאָן) און ס. פינקעלשטיין פון פילאַדעלפיע. פון באָסטאָן פלעגט מיר ס. פרעס גאַנץ אָפט צושיקן זיינע געלונגענע „בריוו פון אַ קליין שטעטל", וועלכע ער פלעגט אונטערשרייבן „דער קליינשטעטלדיקער". אויך יאַנאָווסקי האָט נישט אינגאַנצן פאַרגעסן אין זיין אַלטן „וויכאַוואַניעץ", דעם „אַרבייטער־פריינד", און ער האָט מיר צוגעשיקט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דעם „אַנטי־אַנאַרכיסטן־קאָנגרעס אין רוים". צו דעם איז נאָך צוגעקומען אַ לענגערער טעאָרע־

טישער אַרטיקל „עגאָיזמוס און אַלטרואיזמוס“ פון פ. א. פראַנק (דר. מעריסאָן). דאָס, בערך, זיינען געווען אַלע מיינע צוהעלפער אין דער ערשטער צייט פון מיין רע־דאַקציע און גאַנץ אָפט איז מיר אַליין אויסגעקומען אויסצופילן דאָס בלאַט, ספּע־ציעל נאָכדעם ווי פרומקין איז אין פעברואַר 1899 אַפּגעפאָרן קיין אַמעריקע און ס'איז פאַר אונדז אין משך פון עטלעכע יאָר פאַרלוירן געוואָרן זיין מיטאַרבעטער־שאַפט.

חוץ דער רעדאַקציע פונעם בלאַט האָב איך נאָך געהאַט אויף מיין קאָפּ אַ גרויסן טייל פון דער מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע סיי ביי אונדזערע אייגענע וועכנטלעכע צונויפקומען, ווי אויך אין דער גרויסער צאָל אונטערנעמונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. צו דעם איז נאָך צוגעקומען אַן אַנדערע אויפגאַבע, וועלכע האָט מיך באַ־זונדערס אינטערעסירט, — די פאַרטיפונג פון די פרייהייטלעכע אידעען אינעם ענגערן קרייז פון די חברים. די אַקטיווע חברים פון דער יידישער באַוועגונג אין יענער צייט זיינען נאָך אַלע געווען זייער שטאַרק באיינפלוסט פון די מאַרקסיסטישע אידעען וועגן עקאָנאָמישן דעטערמיניזם. פאַקטיש איז אין אַלע יאָרגענג פונעם „אַרבייטער־פריינד“ פאַר מיין פעריאָד נישט פאַראַן קיין איינציק אַרטיקל, וועלכער זאָל געווען שטעלן אין א ספק דעם אַנטשיידנדיקן איינפלוס פון די עווענטועלע פּראָ־דוקציע־באַדינגונגען און פון די עקאָנאָמישע מעטאָדן. אינגוויווייט מ'האָט זיך מיט אָט־דער פראַגע פאַרנומען, האָט מען רק געזוכט צו באַווייזן, אַז מאַרקס נאָכגייער אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער האָבן זיך שוין לאַנג אָפּגעזאָגט פון זייער לערערס פּרינציפּן און זיי פאַרנעמען זיך איצט אויף דרכים, וועלכע האָבן נישט קיין שום שייכות מיטן לערערס לכתחילהדיקער דאָקטרין.

איך האָב געפּרווט פון אָנהויב דורך שמועסן אינעם ענגערן קרייז פון די חברים אַרויסצוברענגען און אונטערצושטרייכן די אומפאַראייבאַרקייט פונעם עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם מיטן אויסטייטש פונעם אַנאַרכיזם. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט. אָבער פונדעסטוועגן באַלאַנגט יענער מיינונגסאויסטויש מיט די חברים צו די שענסטע געדעכענישן פונעם לכתחילהדיקן פעריאָד פון מיין אַקטיווי־טעט אין דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג. די מיינונגען זיינען געווען זאַכלעכע און אָנצי־ענדיקע און זיי זיינען געווען דער יסוד פאַר ווייטערדיקע שמועסן און נאָך מער צו פאַרטיפן די געדאַנקען. וואָס מיך האָט דעמאָלסט צום מייסטן איבערראַשט איז געווען דאָס שטאַרקע יאָגעניש נאָך מער וויסן ביי אָט־די פשוטע אַרבעטער, וועלכע זיינען אין דער אַלגעמיינער דערציונג אַזוי שטיפמוטערלעך באַהאַנדלט גע־וואָרן, אָבער זיי האָבן געהאַט גענוג אינטעליגענץ ביסלעכווייז זיך איינצולעבן אין זאַכן, וועלכע זיינען פאַר זיי ביז דעמאָלסט געווען לגמרי אומבאַקאַנט. ס'האָט מיר תמיד געגעבן אַן אינערלעכע באַפרידיקונג צו באַאָבאַכטן, מיט וואָס פאַראַ התמדה זיי האָבן תמיד געזוכט זיך צו אָריענטירן אין עיניינים פון וועלט־באַנעם. איך אַליין האָב דערביי אַ סך געלערנט און באַקומען אַ היפש־ווערטפולן סטימול, ווי אַזוי מען דאַרף זיך נוהג זיין אין אַזאַ פרעמדלעכער סביבה, ביכדי צו פאַרטיפן די געזוכטע איינדרוקן און זיי צו פאַרוואַנדלען אין אַ פעיקייט צו קאָנען דענקען אַליין.

נאַטירלעך, אַז איך האָב אויך געפּרוווט אַרויסצוברענגען ביי אונדזערע וועכנטלעכע צונויפקומען מיינע קריטישע מיינונגען וועגן דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. דאָס איז מיר אָנגעקומען אויף אַזוי פיל לייכטער, אויף וויפל עס פלעגט דעמאָלסט צו אונדזערע עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען אין שוגאַר לאָוף קומען אַ גרויסע צאָל יידישע סאָציאַלדעמאָקראַטן, וועלכע האָבן גענומען אַ שטאַרקן אָנטייל אין די דיסקוסיעס נאָך די רעפעראַטן. צו אונדזערע רעגלמעסיקע געסט פון יענער צייט האָבן באַזונדערס באַלאַנגט פּרוי פּאָטשינסקי, דר. זעליטרין און אַ געוויסער שיירער, וועלכע האָבן נישט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט צו דיסקוטירן מיט אונדז. פּרוי פּאָטשינסקי איז געווען אַ טעמפּעראַמענטפולע דאַמע אין די מיטעלע יאָרן, וועלכע האָט טאַקע נישט געהאַט קיין פּרעטענזיעס אויף גרויסע טעאָרעטישע קענטעניש, אָבער אין פּראַקטישע פראַגן פון דער טאָגטעגלעכקייט האָט זי זייער גוט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן איר פּאָזיציע.

אַן אויסטערלישער טיפּ איז געווען שיירער. אויף דער רעדנער־טריבונע פלעגט ער תמיד אַרויפקומען באַלאָדן מיט אַ פּאַק ביכער, וועלכע ער האָט אויסגעלייגט אויפן טיש, ביכדי זיי צו האָבן באַקוועם צו דער האַנט, ווען ער וועט זיי באַדאַרפן. דאָס ציטירן שטעלן פון די ביכער איז געווען די שטאַרקע זייט זיינע און פלעגט פאַרנעמען דעם גרעסטן טייל פון זיינע אויספירונגען. דערביי פלעגט ער אָפט באַצירן זיינע ציטאַטן פון די ביכער מיט אייגענע ציטאַטן, וועלכע זיינען אין אָריגינאַל נישט געווען אָדער ער האָט זיך אייגנוויליק נישט וויסנדיק געמאכט וועגן זאַכן, וועגן וועלכע ס׳האָט זיך געהאַנדלט. אַזוי ווי די נאַטור האָט מיך געהאַט באַשענקט מיט אַ זייער גוטן זיכרון, אַזוי זיינען מיר זיינע ציטאַטן בדרך כלל שוין געווען באַקאַנט פון פּאַריס. און ווען איך בין געזעסן צוזאַמען מיט אים ביים רעדנערטיש און ער איז געווען צו אייגנוויליק ביים ציטירן, האָב איך זיך אָפט געפילט געצוווּנגען אים צו בעטן אַ נאַר־וואָס איבערגעלייענטן ציטאַט צו לייענען נאָכאַמאָל, אָבער קאָרעקט. דאָס פלעגט אים ביי יעדן מאָל שטאַרק אַרויסברענגען פון די כלים. איך אָבער האָב זיך נישט געלאָזט צעטומלען און איך פלעג אים זאָגן גאַנץ רואיק, אַז אונדז אינטערעסירן נישט זיינע פערזענלעכע צוגאָבן, נייערט דאָס, וואָס דער מחבר האָט באמת געזאָגט.

שיירער איז נישט געווען קיין אָנגענעמער קעגנער, וואָרן ער האָט שטענדיק גערעדט פול מיט גאַל און פלעגט אויך אָפט אַרויס פון די ראַמען אין זיינע אַרגומענטן, ביפרט, ווען ער איז אַריינגעטריבן געוואָרן אין אַ טעמפּן ווינקל און נישט געוווּסט ווי אַזוי אַרויסצוקריכן. איך האָב אים טאַקע נישט געקאָנט אָפּגעווינען פונעם אַנאַרכיסטן־האַס, אָבער איך האָב לפּחות באַוויזן צו פועלן, אַז ער זאָל זיך אין מיין אָנוועזנהייט נישט דערלויבן קיין צוגעפּאַרבטע ציטאַטן.

אינגאַנצן אַן אַנדערער מין טיפּ איז שוין געווען דר. זעליטרין, וועלכער איז צווישן דער קליינער צאָל סאָציאַלדעמאָקראַטן אויף איסט־ענד דעמאָלסט געווען דער איינציקער, וועלכער האָט באמת עפּעס פאַרשטאַנען פונעם מאַרקסיזם און אויך געוווּסט, ווי אַזוי צו באַנוצן זיינע קענטעניש. ער איז געווען אַ זאַכלעכער און אייגנגע־

נעמער רעדנער, וועלכער האָט אויך אין פּערזענלעכן פאַרקער קיינמאָל נישט פאַר־לוירן דעם טאָן פון אַ געבילדעטן מענטש. ער האָט געגוי געוווסט, וואָס ער האָט געוואָלט און קיינמאָל זיך נישט מכוון געווען צו פאַרבייטן מיט פוסטע פראַזן דאָס, וואָס ער איז נישט געווען אימשטאַנד צו באַווייזן מיטווירקלעכע מאָטיוון. דער דיאַ־לעקטישער אופן פון זיין דענקען פלעגט אויך אים טיילמאָל פאַרפירן צו געוואַגטע שלוסן, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל נישט דערלויבט צו גיין אויף הינטערוועגלעך און פלעגט פאַרוואַרפן די ביליקע געלעגנהייטסמיטלען, מיט וועלכע עס באַנוצן זיך געוויינלעך נאָר יענע, ווען זיי האָבן נישט קיין אידעען, מיט וואָס אַרויסצוטרעטן. ווען מען האָט מיט אים דיסקוטירט, איז מען תמיד געווען זיכער, אַז דאָס אַרויסברענגען עפנטלעך די מיינונגען וועט שטיין אויף אַ גייסטיקער הויך, לויט דער טעמע, אַזוי אַז אויך די אויפמערקזאַמע צוהערער האָבן תמיד דערפון עפּעס געוואָנען.

יענע שמועסן אינעם ענגן קרייז און די דיסקוסיעס ביי די עפנטלעכע צונויפ־קומען האָבן מיך באַוויגן אָנצוצייכענען שריפטלעך מיינע אויספירונגען וועגן היס־טאָרישן מאַטעריאַליזם. דאָס איז געווען מיין ערשטע גרויסע ליטעראַרישע אַרבעט, וועלכע איז אין ערשטן יאָר פון מיין רעדאַקציע פונעם „ארבייטער־פריינד" פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין פינפאונצוואַנציק אַרטיקלען. קודם־כל האָב איך דאָרט אַרויס־געררוקט מיין קריטישן באַנעם מכוח דעם פּראָבלעמאַטישן ווערט פון יעדן מין גע־שיכטס־פילאָזאָפיע און נאָכדעם האָב איך לויט דער ריי נאָך, איינס ביי איינס, באַ־האַנדלט באַסיעס טעאָלאָגישן באַנעם פון געשיכטע, דעם צוגאַנג פון די אַזויגערופענע פּראַגמאַטיקער, העגעלס היסטאָרישע דיאַלעקטיק און אַנדערע. נאָך אָט־דעם נייטיקן אַריינפיר האָב איך זיך באַשעפטיקט מיטן פאַטאַליסטישן דענק־אופן, וועלכער איז דער יסוד פונעם מאַטעריאַליסטישן באַנעם פון דער געשיכטע, און מיט זיינע אומ־פאַרמיידלעכע סאָפיזמען. און דערביי האָב איך נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו ברענגען אַ גאַנצע שורה פאַרגלייכן צווישן דער מאַרקסיסטישער געשיכטס־פילאָ־זאָפיע און דעם היסטאָרישן באַנעם פון אַ סען סימאָן, פוריע, קאָנסידעראַן, לואי בלאַנק און פרודאָן.

דאָס איז נישט געווען אַזוי פּשוט, וואָרן פאַרן גרויסן רוב פון מיינע לייענער איז דאָס געווען אַ לגמרי אומבאַקאַנט פעלד. איך האָב זיך פריער געמוזט אַריינלעבן אין זייער פאַרשטענדעניש, אַזוי צו זאָגן, און ברענגען משלים, וועלכע זיי זאָלן לייכט קאָנען פאַרשטיין. אַזעלכע צייטונגען ווי דער „אַרבייטער־פריינד" זיינען דאָך קודם־כל פּראָפּאַגאַנדע־בלעטער, וועלכע מוזן זיך רעכענען מיט דער פאַרשטיי־פעיקייט פונעם לייענער, אויב זיי ווילן דערגרייכן זייער ציל. איך האָב דעמאָלט געטראַכט שפּעטער די אַרטיקלען אויסצובעסערן, צוצוגעבן עפּעס און זיי פאַרעפנטלעכן אין בוכפאָרעם. ס'איז מיר אָבער נישט אויסגעקומען.

ווען איך פאַרטראַכט זיך היינט וועגן יענער אַרבעט, באַגרייף איך נאַטיר־לעך אַלע אירע בלויזן און שוועריקייטן, אָבער ס'איז מיר אויך קלאָר, אַז וועגן אַזעלכע פּרוּוון דאַרף מען זיך תמיד אַרויסזאָגן לויט די אומשטענדן, ביי וועלכע זיי זיינען געשריבן געוואָרן און לויט די באַנעם־פעיקייטן פון די מענטשן, פאַר וועמען

זיי זיינען געשריבן געוואָרן. איך האָב אויף דעם געביט נישט געהאַט קיין פּאָרגייער אין דער יידישער שפּראַך. מיין אַרבעט איז געווען, אינוויוויט ס'איז מיר באַקאַנט, דער ערשטער פּרווו אין אָט־דער שפּראַך אַרויסצוקומען מיט אַ קריטיק אויפן מאַרקסיסטישן באַנעם פון דער געשיכטע, ביז דר. חיים זשיטלאָווסקי האָט זיך מיט אייניקע יאָר שפּעטער אין אַמעריקע צוגערירט צו דערזעלביקער פּראַגע און אַרויסגעברענגט זיינע אייגענע מיינונגען אויף זיין אופן אין זיינע ווערטפולע אַרבעטן.

ס'איז נאָך ביז היינט אַ רעטעניש פאַר מיר, ווי אַזוי דער „אַרבייטער־פריינד״ האָט אין דער ערשטער צייט פון מיין רעדאַקציע געקאָנט אַרויסגיין רעגלמעסיק במשך פון אַ פולן יאָר. די קליינע סומע, וועלכע מיר האָבן געהאַט ביים אָנהייבן אַרויסגעבן די צייטונג, איז באַלד פאַרטאָן געוואָרן, און דער פינאַנציעלער קריזיס, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן, האָט מער נישט געקאָנט געלייזט ווערן. מ'האָט פאַקטיש קיינמאָל נישט געוווסט צי דער קומענדיקער נומער וועט קאָנען אַרויס צי נישט. די הויפּטפראַגע איז תמיד געווען, פון וואַנען מ'זאָל באַקומען דאָס געלט פאַרן דרוקער, מחמת דאָס איז געווען די איינציקע הוצאה, פון וועלכער מ'האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסדרייען. אין פאַל פון נויט האָט מען געקאָנט שולדיק בלייבן דעם לוין דעם זעצער, ביז די ליידיקייט אין דער קאַסע וועט דורך עפּעס אַ גינציקן צופאַל לפּחות ביז צו אַ געוויסער מדרגה ווידער קענען אויסגעפילט ווערן. פאַר מיר, ווי דעם רעדאַקטאָר פונעם בלאַט, איז די לאַגע שוין געווען אַביסל שווערער. ס'איז אמת, אַז מ'האָט דעם רעדאַקטאָר פאַר זיין גאָרנישט לייכטער אַרבעט צוגעזאָגט די קעניגלעכע סומע פון א פונט, ד. ה. פינף דאָלער אַ וואָך, אָבער בדרך כלל איז דאָס געווען נישט מער ווי אַ טעאָרעטישער באַגריף. אינדעראמתן האָט מען געצאָלט, ווען ס'איז געווען אַביסל געלט. דעם רעשט איז מען שולדיק געבליבן. דער חוב, וועלכער האָט זיך אויף אַזאַ אופן אָנגעקליבן, פלעגט פעריאָדיש ליקווידירט ווערן אויף אַ זייער אָריגינעלן אופן. ווען די סומע, וועלכע מ'איז שולדיק געבליבן דעם רעדאַקטאָר, איז ביסלעכווייז דערגאַנגען צו אַזאַ הויך, אַז מ'האָט שוין אַפילו נישט געקאָנט טראַכטן וועגן אויסצאָלן אים, האָט מען פשוט געמאַכט אַ שטריך אונטערן אַלטן חשבון און אויפגעעפנט א ניי־בלאַט אינעם בוך פון די חשבונות. דידאָזיקע טאַקטיק איז געווען א גוטע, אָבער קיינער האָט פון איר נישט געקאָנט ווערן פעט. אַזוי האָט מען איינפאַך געלעבט פון האַנט צום מויל און זיך דורכגעשלאָגן אַזוי גוט ווי מ'האָט געקאָנט. אָן דער געטרייער מיטאַרבעט פון מיין לעבנס־חברטע און אָן דער איינבינדעריי־אַרבעט, וואָס איך האָב פון צייט צו צייט געמאַכט, וואָלטן מיר דעמאָלסט אַפילו נישט געווען געהאַט אויף די באַשיידנסטע באַדערפעניש אונדזערע.

די חברים האָבן געטאָן, וואָס זיי האָבן געקאָנט. אָבער דער רוב פון זיי האָט געלעבט אין ביטערסטער אָרעמקייט און זיי פלעגן אָפט אוועקגעבן דאָס לעצטע פאַר דער צייטונג און פאַר די נייטיקע הוצאות פון דער באַוועגונג. די אומבאַגרענעצטע קרבנות־גרייטקייט פון אָט־דידאָזיקע ווילע מענטשן האָט ביי מיר תמיד אַרויסגערופן די גרעסטע באַוואונדערונג. די דייטשע חברים אויף דער מערב־זייט האָבן פאַר

זייער אידעאַל שטענדיק געטאָן דאָס בעסטע און זיי האָבן קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט זייער סאָלידאַריטעט, ווען מ׳האָט באַדאַרפט שאַפן מיטלען פאַר דער אייגענער באַוועגונג אָדער צו העלפן די חברים אין די היימלענדער אין זייער שווערן גוראַנגל. אַבער אין דעם פאַל האָט זיך געהאַנדלט וועגן גוט־באַצאָלטע בעל־מלאָכות, וועלכע האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען אַ סך זאַכן, וועגן וועלכע די יידישע פּראָלעטאַריער אויף דער איסט־ענד האָבן אַפילו נישט געקאָנט חלומען.

אָבער דאָ, אין אָט־דעם גראָען קעניגרייך פונעם ערגסטן פון אַלע עקספּלואַטאַציע־סיסטעמען און טאָקע ביי שרעקלעכע לעבנס־פאַרהעלטענישן, איז דער עינין געווען אַ גאַנץ אַנדערער. פאַר אָט־די פון באַשטענדיקער נויט ליידנדיקע פּראָלעטאַריער פון איסט־ענד איז אַפילו דער מינדסטער ביישטייער געווען אַ שווערער קרבן, וועלכן מ׳האָט געמוזט אָפּרייסן פון מויל. אָבער זיי האָבן עס געטאָן מיט צופרידנקייט און הנאה און נאָר דעמאָלט נישט געקאָנט נאָכקומען, ווען די פריי־וויליק־איבערגענומענע לאַסט האָט צייטווייליק אַריבערגעוויגן זייערע כוחות און מעגלעכקייטן, ווען ס׳איז שוין אין שטוב נישט געווען וואָס צו פאַרמשכונען און מ׳האָט דעריבער נישט געקאָנט צונויפנעמען קיין באַדייטנדיקע סומעס פאַר דער צייטונג. ווער ס׳האָט אַליין נישט דורכגעלעבט אַזעלכע צייטן און אַזעלכע סיטואַציעס, קאָן זיך היינט שווער שאַפן אַ ריכטיקן באַגריף וועגן דעם, ביי וואָס פאַראַ אביונות־דיקע אומשטענדן דער „אַרבייטער־פריינד" איז וואָך נאָך וואָך אַרויסגעגעבן געוואָרן. דערדאָזיקער צושטאַנד האָט זיך ביז צו אַ געוויסער מדרגה געענדערט ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די אַלגעמיינע אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען צוליב כסדר־דיקע לוין־קאַמפן אַביסל בעסער געוואָרן, די באַוועגונג איז גאָר שטאַרק אויסגעוואַקסן און ווען מיר האָבן דורך דער גרינדונג פון אַ גרויספאַרנעמיקן פאַרלאַג און זעם אַרויסגעבן ביכער און בראָשורן לייכטער געקענט דעקן דעם דעפיציט פון דער צייטונג.

וואָס שייך דער גערעדטער פּראָפּאַגאַנדע האָט די באַוועגונג דעמאָלסט געהאַט אין אירע רייען סיי אין לאָנדאָן און סיי אין דער פּראָווינץ אַ היפּשע צאָל אינטעליגענטע און פעיקע רעדנער, אַזעלכע ווי וועס, ה. זאַקס, ס. פרימאַן, י. פרידענטאַל, ל. באַראָן, פּ. שאַץ, ט. אייגעס, ס. פיינזאָן, ל. עלשטיין, י. סאָלאָמאָנס, ל. פּאַטוואַי, וואָס דער רוב פון זיי איז אויך געווען אַקטיוו אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און אויפגעטאָן אַ סך פאַר אונדזער באַוועגונג. אָבער דער וויכטיקסטער רעדנער צווישן די יידישע אַנאַרכיסטן פון יענער צייט איז געווען י. קאַפּלאַן, אַ זייער פעיקער און שאַרפזיניקער פאַרשטייער פון די פרייהייטלעכע אידעען, וועלכער איז אומעטום גערן אויסגעהערט געוואָרן און ער האָט געוווּסט, ווי אַזוי צו האַלטן אין פאַרכאַפּן דעם עולם צוהערער. נאָך יאַנאָווסקיס אָפּפאָר איז ער בלי שום ספק געווען דער בעסטער רעדנער, וועלכן די יידישע באַוועגונג אין ענגלאַנד האָט דעמאָלט געהאַט.

י. קאַפּלאַן האָט געשטאַמט פונעם שטעטל זאַגער, אין דער ליטע, ווו ער איז במשך פון אַ קורצער צייט געווען אַ מגיד. ווי ער האָט מיר איינמאָל אַליין דערציילט,

האָט ער נאָך אין דער היים געהאַט מותּר געווען פון אייניקע רעליגיעזע כּללים, נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט איבערגעלייענט אייניקע אפּיקורסישע ביכלעך, וועלכע האָבן אים אָנגערעגט צו אַפּיקורסות. אינדערמיט פון די אַכציקער יאָרן איז ער געקומען קיין לידז און פאַרנומען א שטעלע ביי דער יידישער געמיינדע ווי אַ מגיד. אין לידז איז שוין דעמאָלסט געווען אַ קליינער קרייז יידישע סאָציאַליסטן און אַנאַר־כיסטן, מיט וועלכע ער האָט אינגיכן אָנגעקניפּט געהיימע פאַרבינדונגען. ער האָט באַלד גענומען פאַרבאָרגענערהייט לייענען דעם „אַרבייט.ער־פריינד" און די „פריייע אַרבעטער־שטימע", ווי אויך די קליינע פּראָפּאַגאַנדע־ביכלעך, וועלכע זיינען דע־מאָלט אַרויסגעגעבן געוואָרן אין לאָנדאָן און אין ניו־יאָרק. נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעלערנט די ענגלישע שפּראַך, האָט ער זיך אויך אָנגעהויבן באַקענען מיט דער וועלטלעכער ליטעראַטור פון יענער צייט און אַזוי איז ער ביסלעכווייז דערגאַנגען צום אַנאַרכיזם. זיין נייע אידעאָלאָגיע האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט זיין אין איינקלאנג מיט זיין שטעלע ווי אַ מגיד אין דער יידישער קהילה און ער האָט דעריי־בער אינגיכן איבערגעריסן מיט איר. ביכדי צו קאָנען פאַרדינען אויף פּרנסה, האָט ער זיך אויסגעלערנט נייען אויף אַ שניידערמאַשין און פון דעמאָלסט אָן האָט ער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ווען איך האָב זיך מיט אים באַקענט, האָט ער שוין געוווינט אין לאָנדאָן און באַלאַנגט צו די אַקטיווסטע מיטגלידער פון דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד".

קאַפּלאַן האָט שטאַרק ליב געהאַט די רעדנער־טריבונע און אין דער גרויסער צאָל פון זיינע רעדעס האָט מען געקאָנט אַרויסזען, אַז ער איז אין זיין דענקען אינערלעך זעלבסטשטענדיק און אַז זיין איינפלוס אויף די צוהערער איז אַ זיכערער. צום בעסטן האָט ער דאָס אַרויסגעוויזן אין די דיסקוסיעס, מחמת ער איז געווען אַ שאַרפזיניקער און קלוגער פּאָלעמיקער, קעגן וועמענס שאַרפן און צומאָלס בייסיקן וויץ זיינע קעגנער האָבן ווייניק־וואָס געקאָנט אויפטאָן. ער איז צווישן אַלע יידישע רעדנער פון דער באַוועגונג געווען כּימעט דער איינציקער, וועלכער איז געווען אימשטאַנד אין אַ רעפעראַט לאָגיש ארויסצוברענגען און צו אַנטוויקלען אַלע פּרטים פּונקט נאָך פּונקט און אויך פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַלעס צונויפצונעמ'ען און שאַפן דערפון אַ גאַנצע זאַך.

די שריפטשטעלער, וועלכע האָבן דעמאָלסט קאַפּלאַנען צום שטאַרקסטן באַיינ־פלוסט אין זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג, זיינען געווען ספּענסער, בראַדלאַוג, אינגער־סאל און פּוט. די אידעען האָבן זיך ביי אים שפּעטער אויסקריסטאַליזירט אין אַ פּאָליטישן אַטעיזם, וועלכער האָט געדינט ווי א יסוד פאַר זיין אַנאַרכיזם. זיין באַגריף וועגן סאָציאַליזם איז דעמאָלסט, ווען איך האָב זיך מיט אים באַקענט, נאָך געווען באַיינפלוסט פון דער אָריענטאַציע פונעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. ער איז געווען פעסט איבערצייגט וועגן דעם געצוווּנגענעם אופן פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און עקאָנאָמישע פּאַסירונגען און וועגן זיין אַלץ אַרומנעמענדיקן איינפלוס אויף דער סאָציאַלער געשטאַלטיקונג פונעם לעבן. עס האָט ביי אים געדויערט אַ לאַנגע צייט, ביז איך האָב באַוויזן אים ביסלעכווייז אָפּצורעדן פון אָט־דעם אויסטייטש. די טעמעס,

וועלכע ער האָט געהאַט צום ליבסטן, זיינען געווען וועגן רעליגיעזע עיניינים מיט אַ סאָציאַלן הינטערגרונט, וועלכע ער האָט געקאָנט ארומנעמען און באהאנדלען מיט א גרויסער געניטקייט. ער האָט געהאַט אַ געזונטן שכל, אַ סך נאַטירלעכע שאַרפזי־ניקייט און אַ לאָגישן קאָפּ צו באַנעמען און זיך אַרויסזאָגן וועגן אַלץ. ער וואָלט מיט זיינע נאַטירלעכע פעיקייטן געווען געקאָנט דערגרייכן אַ סך מער, ווען ער וואָלט אין זיין יוגנט געווען באקומען אַ בעסערע עלעמענטאַרע דערציונג, אַנשטאָט צו פאַרלירן און צעפּאַטערן זיין צייט מיט טויטן באַלאַסט און פּוסטע פאָרמולעס. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע נייגונג צו גריבלען זיך אין די געדאַנקען און צו דערגיין אין זיין נאָכ־טראַכטעניש ביז צו די לעצטע קאָנסעקווענצן, וואָס דאָס איז אַ באַווייז פאַר דער זעלבסטשטענדיקייט פון זיין דענקען. אָבער פאַר פּראָבלעמען פון עסטעטישן כאַראַק־טער איז ער געווען כימעט אומעמפּינדלעך. ער האָט נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אַרויסצוווייזן אַ טיפערן אינטערעס נישט פאַר דער קונסט און נישט פאַר דער בעלעטריסטיק און ער האָט זיי גיכער באַטראַכט ווי אַן איינגענעמען צייטפאַרטרייב איידער ווי אַ נויטווענדיקן באַשטאַנדטייל פונעם לעבן פאַר דער פאַרפיינערונג פון די אינערלעכע געפילן.

אַ גאַר אויסטערלישע געוווינהייט האָט קאַפּלאַן געהאַט, אַז ער איז קיינמאָל נישט געגאַנגען צו קיין פאַרזאַמלונג, אויב ער האָט נישט מיטגענומען אַ שטיק ווייך ברויט. ווען ער האָט גערעדט, האָט ער שטענדיק געהאַט אַ קליין שטיקל ברויט צווישן גראָבן און אָנווייזפינגער אוןביידע פינגער זיינען די גאַנצע צייט געווען אין באַוועגונג. ווען מ'האָט זיך צוגעקוקט צו אָט־דעם אויסטערלישן שפּיל, האָט מען געקאָנט גאַנץ דייטלעך דערקענען, אין וואָס פאַראַ שטימונג ער האָט זיך געפונען. כל־זמן ער האָט אַנטוויקלט אַ פּונקט רואיק און זאכלעך, איז אויך דער ריטם פונעם קנעטן דאָס ברויט צווישן די פינגער געווען אַ רואיקער און גע־מאָסטענער, אָבער ווי נאָר ער איז געוואָרן רעגזאַמער, לעבעדיקער, האָבן זיך ביידע פינגער באַוועגט אלץ שנעלער און אַרויסגעוויזן זיין אינערלעכע אויפגע־רעגטקייט. האָט ביי אים פון צייט צו צייט פּאַסירט, אַז דאָס שטיקל טייג איז אַרויס־געפאַלן פון זיינע הענט, האָט ער תיכף אויפגעהערט רעדן, ביז ער האָט אַרויסגענומען אַ ניי שטיק ברויט פון קעשענע און עס גוט צעקנאָטן.

אַ גאַנץ מערקווירדיקער שטריך ביי קאַפּלאַנען איז געווען זיין כימעט אומבאַ־גרייפלעכע אומבאהאָלפנקייט צום שרייבן. און דאָס איז נישט געווען אַזוי, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין נייגונג צו דעם. אַדרבא, עס האָט ביי אים קיינמאָל נישט געפעלט דער חשק שריפטלעך אויסצודריקן זיינע געדאַנקען, אָבער ער האָט פשוט נישט געהאַט קיין ליטעראַרישע שפּראַכגעפיל. דערזעלביקער מענטש, וועלכער האָט, ווי אַ רעדנער, געהאַט די פעיקייט אויסצודריקן זיינע געדאַנקען מיט אַן אויסגע־צייכנטער לאָגיק, איז פולשטענדיק דורכגעפאַלן, ווען ער האָט געפּרוווט דיזעלביקע געדאַנקען אַרויסצוברענגען אָנגעשריבענערהייט אויפן פּאַפּיר. ער פלעגט ווערן צעשוווּמען און זיך פאַרלירן אין פּרטים, וועלכע האָבן אַזוי שטאַרק פאַרפּלייצט דעם הויפּטגעדאַנק, אַז מ'האָט אים כימעט נישט דערקענט. ס'איז באַקאַנט, אַז גוטע רעד־

נער זיינען נישט תמיד גוטע שרייבער, אָבער ביי קאַפּלאַנען איז דער חילוק צווישן געשריבענעם און גערעדטן וואָרט געווען אַזוי גרויס, אַז מ'האָט בשום אופן נישט געקאָנט דערקענען דעמזעלביקן מענטש. און דאָס מאָדנע דערביי איז, אַז קאַפּלאַן האָט זיך אין דערדאָזיקער לאַנגער צייט אין דעם פּרט לחלוטין נישט געענדערט. און פונדעסטוועגן האָט ער געהאַט אַ סך נאַטירלעכע אייגנשאַפטן, וועלכע האָבן אים יאָ געדאַרפט געבן פעיקייטן צום שרייבן. ער האָט געהאַט מאָראַלישן מוט, אַן אומאָפּ־פּרעגבאַרע אָריגינאַליטעט אינעם דענקען, גוטע באַאָבאַכטונגס־פעיקייטן און אַ געזונטן, אומצעשטערבאַרן הומאָר, אַלץ אייגנשאַפטן אַזעלכע, וועלכע ער האָט גוט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו באַנוצן ווי אַ רעדנער, אָבער ווי אַ שרייבער האָט ער נישט געוווסט וואָס אָנצוהייבן טאָן מיט דעם.

קאַפּלאַן איז געווען אַ גוטער מיטשמועסער און תמיד געווירקט דערמוטיקנדיק אויף זיין סביבה. אויך ביים פאַרברענגען מיט זיינע קינדער האָט זיך דאָס גלאָנץ בולט באַמערקן. מיר האָבן געוווינט צוזאַמען מיט אים אין איין הויז אַ געוויסע צייט, אַזוי אַז איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט אים צו קאָנען גוט אָבסערווירן. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פאָטער און ער האָט געוווסט, ווי אַזוי איבערצוגעבן שפּילנדיקערהייט זיינע קינדער געוויסע זאַכן, וועלכע זיינען אים געווען נאָענט. דריי זין האָט ער געהאַט. צוויי פון זיי האָט אים מיטגעברענגט זיין פרוי, ווען ער איז זיך מיט איר צונויפגעקומען; דער יינגסטער, פרעד, איז געווען זיין אייגן קינד, דעמאָלסט אַ זעקס־ אָדער זיבניעריק יאַטל. אָבער ער האָט אַלע דריי קינדער באַהאַנדלט גלייך און אַלע האָבן געפילט דיזעלביקע ליבשאַפט צו אים. פרעד איז געווען אַן אויסער־געוויינלעך לעבעדיק קינד, וועלכער האָט גערירשנט אַ סך פון זיין פאָטערס שאַרפזי־ניקייט. נאָך היינט דערמאָן איך זיך אַ זייער שיינעם עפּיזאָד. די קינדער האָבן אין דער היים געפירט אַ פריי, אומגעצווונגען לעבן און האָבן לגמרי נישט געוווסט, וואָס דאָס זיינען אַזעלכעס רעליגיעזע פאָראורטיילן. אָבער ווען פרעד האָט אָנגעהויבן גיין אין שול, איז ער באַקאַנט געוואָרן מיט אַן אַ שיער עיינינים, וועגן וועלכע ס'איז אין דער היים קיינמאָל נישט גערעדט געוואָרן. האָט דאָס יינגל איינמאָל אַ פרעג־געטאָן דעם פאָטער, פאַרוואָס ער האָט אים קיינמאָל גאָרנישט דערציילט וועגן גאָט. קאַפּלאַן האָט געשמייכלט און געפרעגט דאָס קינד, ווו ער האָט גענומען דעמדאָזיקן געדאַנק וועגן גאָט. האָט אים פרעד איבערגעגעבן, אַז דער לערער האָט צו די קינדער גערעדט אַ סך וועגן גאָט.

„נו, אויב אַזוי", האָט קאַפּלאַן געזאָגט, „דאַרפסטו דאָך אַליין וויסן, ווער גאָט איז. האָסטו דיר נאָך נישט געשאַפן קיין שום פאָרשטעלונג וועגן דעם?"

דאָס יינגל האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ ווײַלע און דערנאָך אַ זאָג־געטאָן:

„גאַנץ גענוי ווייס איך דאָס נישט, אָבער איך מיין, אַז ער דאַרף מיסתמא זיין אַזאַ מין זייגערמאַכער".

מיר זיינען אַלע שטאַרק נישתומם געוואָרן. אָבער קאַפּלאַן האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז דאָס קינד פלעגט זיך ליב האָבן צו שפּילן מיט אַן אַלטן זייגער. און בעת מעשה האָט זיך ביי אים מיסתמא אַנטוויקלט דער באַגריף, אַז דער באַשאַפער

פון אָט־דעם קאָמפּליצירטן רעדערגעווערק דאַרף אוודאי זיין דער כלל־באַגריף, די פאַרקערפּערונג פון יעדן מין געשיקטקייט און פעיקייט. נאָכדעם ווי דער לערער האָט דערציילט די קינדער וועגן גאָט, איז אין דער פאַרשטעלונגס־וועלט פונעם קינד פון זיך אַליין אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז דער מכלומרשטער באַשאַפער פון דער וועלט מוז דאָך אוודאַי אויך זיין אַ זייגערמאַכער, אַ געדאַנק, וועלכער איז אַ בכבור־דיקער אויסדרוק פון זיין שאַרפזיניקייט.

קאַפּלאַן איז געווען אַ גרויסער פריינט פון קינדער. דערזעלביקער מענטש, וועלכער פלעגט אָפט פאַרלירן די געדולד, ווען ס׳איז אים ביי פאַרזאַמלונגען אויס־געקומען צו דיסקוטירן מיט אומפאַרנונפטיקע פּאָלעמיזירער, האָט צומאָלס געקאָנט פאַרברענגען שעהנלאַנג מיט די דריי ייִנגלעך און קיינמאָל נישט ווערן אומגעדולדיק. אגב האָט ער געהאַט אַן אייגנאַרטיקן אופן זיי צו דערציילן וועגן געוויסע זאַכן. ער איז קיינמאָל נישט אַרויסגעקומען מיט אַ פיקסאונפאַרטיקן געדאַנק, ביכדי אים איבערצוגעבן די קינדער ווי אַ זיכערן פאַקט, נייערט זיי דורך פאַרשידענע אומוועגן געזוכט צו באַוועגן, אַז זיי זאָלן זיך פאַרטראַכטן און אַזוי אַרום אַליין דערגיין צום רעזולטאַט, וועלכן ער האָט געוואָלט. ער האָט אין דעם פּרט געהאַט אַ פיל גרעסערן פּעדאַגאָגישן טאַלענט ווי ער אַליין האָט זיך דאָס געקאָנט פאָרשטעלן.

קאַפּלאַן איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן שווער געטראָפן געוואָרן פונעם גורל. ווען ס׳איז אין יאָר 1914 אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מילחמה, האָט זיך זיין זון פרעד, וועלכער איז דעמאָלסט אַלט געווען 18 יאָר, געמאָלדן פרייוויליק אין דער ענגלישער אַרמיי. די עלטערן האָבן געפירט שאַרפע וויכוחים מיט אים, אָבער זיי האָבן נישט באַוויזן אים אָפּצורעדן פון זיין באַשלוס. נאָך אַ קורצער מיליטערישער אויסבילדונג האָט מען אים אָפּגעשיקט קיין בעלגיע, ווו ער איז קוים זעקס וואָכן שפּעטער געפאַלן. פאַר קאַפּלאַנען איז דאָס געווען אַ מוראדיקער קלאַפּ, מחמת ער האָט זיין זון שטאַרק ליב געהאַט. די אָרעמע מוטער איז משוגע געוואָרן און איז אין צוויי יאָר אַרום געשטאָרבן אין משוגעים־הויז. קאַפּלאַן האָט אין זיינע לעצטע יאָרן געלעבט זייער איינזאַם און אין גרויס אָרעמקייט, מחמת ער האָט געליטן פון אַ שווערער קראַנקייט. פונדעסטוועגן איז ער ביז צום סוף געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג, אינוויפערט זיין צושטאַנד האָט אים דאָס דערלויבט.

ווען איך און מילי זיינען אין יאָר 1933 געקומען קיין לאָנדאָן, איז ער גראָד געווען אין שפּיטאָל, ווו מ׳האָט אים אָפּגעשניטן אַ פוס. מיר האָבן אים געזאָלט באַזוכן אין שפּיטאָל דעם ערשטן דאָנערשטיק צוזאַמען מיט אונדזער פריינט לו־בעלסקי, אָבער ס׳איז פלוצים אָנגעקומען די ידיעה, אַז ביינאַכט איז ער געשטאָרבן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז זיין קערפּער פאַרברענט געוואָרן אין גאָלדערס גרין, ווו ס׳איז מיר אויסגעפאַלן די צער־פולע אויפגאַבע זיך מיט אים צו געזעגענען דורך עטלעכע קורצע ווערטער.

## די גרינדונג פון דער צייטשריפט „זשערמינאַל“

נאָכדעם ווי מיר האָבן במשך פון אַ גאַנץ יאָר ביי אומבאַשרייבלעך־שווערע אומ־שטענדן אַרויסגעגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד“, האָבן מיר גאַנץ אומגעריכט באַקומען אַ שווערן קלאַפּ, וועלכן מיר האָבן נישט אַזוי לייכט געקאָנט בייקומען. ביכדי לייכ־טער צו קאָנען דעקן די הוצאות פון דער צייטונג, האָבן די אַרויסגעבער נאָך פון לאַנג שוין אָפּגעגעבן די לעצטע זייט פונעם בלאַט פאַר קאָמערציעלע אַנאָנסן, וועלכע האָבן דורכשניטלעך אַריינגעבראַכט פופציק פונט אַ יאָר. מיר פערזענלעך איז דער־דאָזיקער איינפיר קיינמאָל נישט געווען צום האַרצן, הגם ס׳האָט זיך דאָ געהאַנדלט בלויז וועגן אַנאָנסן פון בוכהאַנדלונגען, פאָטאָגראַפן, שיפס־אַגענטורן א.ד.גל. איך האָב דעריבער געהאַט פאַרגעלייגט דידאָזיקע אַנאָנסן אינגאַנצן אויפצוגעבן און דעם פלאַץ פאַרווענדן פאַר אייגענע צוועקן. אָבער דאָס איז ביי די דעמאָלסטיקע אומ־שטענדן געווען לגמרי אוממעגלעך און היות קיינער פון מיינע פאַרגייער האָט זיך אויף דעם נישט געהאַט אָפּגעשטעלט, האָב איך אויך געמוזט שלום מאַכן דערמיט. פופציק פונט איז פאַר אונדז געווען אַ באַדייטנדיקע סומע, פון וועלכער מ׳האָט זיך נישט לייכט געקאָנט אָפּזאָגן. די אַנאָנסן פלעגן געוויינלעך באַצאָלט ווערן ביים סוף יאָר, אָבער דער אויסקוק אויף דעם זיך אָנקלויבנדיקן געלט האָט געברענגט מיט זיך, אַז מ׳האָט נאָך פאַרן סוף פון יאָר אָנגעמאַכט אַזוי פיל חובות, אַז מ׳האָט שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן נייעם יאָר, כדי צו קאָנען באַצאָלן דידאָזיקע חובות. אָבער ווען ס׳איז דאָס מאָל געקומען די צייט, ווען מ׳האָט געדאַרפט באַקומען דאָס געגאַרטע געלט, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער חבר, וועמען מ׳האָט איבערגע־געבן איינצומאָנען דאָסדאָזיקע געלט, האָט דאָס שוין פריער געהאַט איינגעמאָנט און־טער עפּעס אַ תירוץ און עס פאַרנוצט פאַר זיך אַליין. איך וויל דאָ נישט דערמאָנען דעם נאָמען פון דער פערזאָן, וועלכע האָט דעמאָלסט אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט אונדזער צוטרוי. ער האָט שפּעטער גוטגעמאַכט דאָס גרויסע אומרעכט, וואָס ער איז באַ־גאַנגען אין זיין יוגנט. ער האָט עס געטאָן דורך יאָרנלאַנגער געטרייער איבערגעגעבנ־קייט צו דער באַוועגונג. חוץ דעם איז ער געטראָפן געוואָרן פון אַ שווערן אומגליק, וועלכעס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן רחמנות צו אים. צום ליבסטן וואָלט איך יענעם טרויעריקן עפּיזאָד אינגאַנצן נישט באַרירט, ווען ער וואָלט אונדז נישט געווען געשטעלט אין אַ ממש פאַרצווייפלטער לאַגע און אונדז געצוווּנגען אָפּצושטעלן דאָס אַרויסגעבן די צייטונג. מיטן אויסקוק אויפן דאָזיקן געלט האָט די גרופּע געמאַכט אַ

גרעסערע הלוואה ביי איינער פון די אין ענגלאַנד אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייטע לאָאַן סאָסיעטיעס, פאַר וועלכער אַ צאָל אָרעמע חברים האָט גאַראַנטירט מיט זייער אונטערשריפט און וועלכע האָט אומבאַדינגט געמוזט באַצאָלט ווערן.

איך בין דעמאָלסט אָפּגעפאָרן קיין ליווערפּול, מאַנטשעסטער און לידז, כדי דאָרט צו געבן רעפעראַטן און אינאייינוועגס שאַפן געלט צווישן די חברים, וועלכע זאָלן אונדז ווי ווייט מעגלעך העלפן דעקן דעם גרויסן היזק און צו דערמעגלעכן דאָס באַנייאיקע אַרויסגעבן די צייטונג. די חברים אין דער פּראָווינץ האָבן טאַקע געטאָן אַלעס, וואָס זיי האָבן געקאָנט, אָבער ס׳איז געווען ווייט פון צו זיין גענוג, בּיכדי צו קאָנען אַרויסקריכן פון דער שווערער נויט און זאָרג. יעדנפאַלס זיינען מיר נאָך אַ חודש צייט ווידער געווען אימשטאַנד אַרויסצוגעבן דעם ערשטן נומער פונעם 15טן יאָרגאַנג, אָבער ביי אַזעלכע אומשטענדן, וועלכע קאָנען קוים באַשריבן ווערן. מיר האָבן גאָרנישט געהאַט און מיר זיינען דאָס מאָל געווען אָנגעוויזן אינגאַנצן אויף אונדז אַליין. פון אַמעריקע האָבן מיר דעמאָלסט גאָרנישט געקאָנט דערוואַרטן. די חברים האָבן פונקט דעמאָלסט געהאַט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ חודש־שריפט, „די פרייע געזעלשאַפט״, און דערצו נאָך האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסגעבן באַנייס דאָס וואָכנבלאַט, „די פרייע אַרבייטער־שטימע״, אונטער יאַנאָווסקיס רעדאַקציע, אַזוי אַז זיי האָבן געהאַט גענוג צו טאָן מיט זייערע אייגענע עינינים.

איך יענער צייט, אין נאָוועמבער 1899, איז עמאַ גאָלדמאַן געקומען קיין ענגלאַנד. זי האָט אויף דער מערב־זייט געהאַלטן אַ גאַנצע ריי רעפעראַטן אויף ענגליש און דייטש, וועלכע זיינען אפילו פון אָנהויב נישט באַזונדערס שטאַרק באַזוכט געווארן, אָבער שפּעטער האָבן זיי געהאַט אַ גאַר גוטן דערפאָלג. די צייט איז דעמאָלסט געווען זייער אַ שלעכטע, ווייל דער קריג אין זידאַפריקע האָט נישט בלויז געבראַכט אַ שווערן קריזיס אין אַ סך אינדוסטריעס, נייערט אויך פאַרורזאַכט אַן אמתע כוואַליע פון נאַרישסטן פאַטריאָטיזם איבערן גאַנצן לאַנד. פאַרזאַמלונגען פון קריגסקעגנער זיינען געוואַלטזאַם אויפגעריסן געוואָרן פון פאַנאַטישע האָרדעס. אין בירמינגהעם, די פעסטונג פון די ענגלישע טאָריס, האָט לאָיד דזשאָרדזש געמוזט אַנטלויפן דורך די פענצטער פון אַ גרויסן זאַל, ביכדי נישט געלינטשט צו ווערן. ביי אַזעלכע אומשטענדן איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז די ענגלישע חברים האָבן נישט געוואָלט אויסשטעלן עמאַן אויף דער סכנה באַליידיקט און פאַרפאָלגט צו ווערן פון די פאַנאַטישע „דזשינגאָס״ און זיי האָבן זיך דעריבער אָפּגעזאָגט פון עפנטלעכע מאַניפעסטאַציעס קעגן דער מילחמה. אָבער עמאַ איז געווען אַ מוטיקע פרוי און זי איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז מ׳מוז לפּחות מאַכן אַ פּרווו, ביכדי צו ברעכן דעם חירם.

האָט מען דעריבער פאַררופן אַ מיטינג אין סאַוט פּלאַסע אינסטיטוט, וו עמאַ האָט געזאָלט רעדן אויף דער טעמע „פּאַטריאָטיזם״. דער גרויסער זאַל איז געווען געדיכט באַזעצט און הונדערטער מענטשן האָבן נישט געקאָנט אַריינקומען אינעווייניק צוליב מאַנגל אין פּלאַץ. טאָם מען האָט איבערגענומען דעם פאָרזיץ פון יענער געדענקווירדיקער פאַרזאַמלונג און ער האָט דורכגעפירט זיין שווערע מיסיע מיט גרויס

פלינקייט. פון די פנימער פון לפחות אַ העלפט פון די פאַרזאַמלטע האָט מען געקאָנט אַראָפלייענען די פיינטלעכע שטימונג און קעגנערשאַפט צו אונדז און צו עמאַן. מען האָט דעריבער געמוזט זיין גרייט אויף אַלערליי איבעררעאַשונגען. עמאַ איז דעמאָלסט געווען אין דער בליונגסצייט פון אירע יאָרן און פול מיט אומבייגזאַמער ענערגיע. זי איז געווען אַן אויסגעצייכנטע רעדנערין, וועלכע האָט געוווּסט, ווי אַזוי „צו נעמען" אירע צוהערער, און געהאַט דעם מוט אָפן אַרויסצוזאָגן דאָס, וואָס איז איר געווען נאָענט צום האַרץ. ווען זי האָט גענומען דאָס וואָרט, האָט זיך תיכף אָנגעהויבן צו באַמערקן אַ גרויסער אומרו אין זאַל, אַן אומרו, וועלכן זי האָט באַלד פאַרשטאַנען, ווי אַזוי איינצושטילן. בשעת דעם ערשטן טייל פון איר רעדע איז עס כסדר געקומען צו שטורמישע שטערונגען. אייניקע פאַנאַטיקער האָבן אַפילו געמאַכט דעם פרווו אַרויפצודראַפען זיך אויף דער רעדנערטריבונע און די לאַגע איז מאָמענטנווייז געוואָרן אַזוי ערנסט, אַז מיר אַלע האָבן מורא געהאַט, אַז די פאַרזאַמלונג וועט אויפגעריסן ווערן. אָבער עמאַס קאַלטבלוטיקייט און טאָם מענס רואיקע האַלטונג האָבן ביי יעדן מאָל געראַטעוועט די לאַגע. עמאַ האָט אירע פאַנאַטישע קעגנער געוואָרפן אַזאַ שטראָם אומבאַקוועמע אמתן אין פנים אַריין, אַז דער טומל האָט זיך מיטאַמאָל איינגעשטילט און ס'איז געוואָרן שטיל ווי אין אַ קירך. ווען זי האָט פאַרענדיקט איר רעפעראַט, איז די שטימונג געווען אינגאַנצן אַן איבערגעאַנדערשטע און די אַלגעמיינע אָוואַציע, וועלכע איז געקומען נאָך אירע ווערטער, האָט דייטלעך באַוויזן, אַז זי האָט זיך אויסגעקעמפט אַ פולשטענדיקן דערפאָלג. לכל הדעות דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז עמאַ איז געווען אַ פרוי און דאָס האָט אין ענגלאַנד אַ סך צו זאָגן.

עמאַ איז דעמאָלסט פאַרבליבן צוויי חדשים אין ענגלאַנד און איז אין יאַנואַר 1900 אָפגעפאָרן קיין פאַריז. איך בין דעמאָלסט צום ערשטן מאָל באַקאַנט געוואָרן מיט איר פערזענלעך. זי האָט געוווינט אין לאָנדאָן אין זעלבן הויז ווו הערי קעלי און זיין פאַמיליע אין שכנות פון אין־ראָוד. נאָך היינט ליגט מיר אין מיין געדעכעניש יענער טאָג, ווען איך האָב זי דאָרט דאָס ערשטע מאָל באַזוכט. דאָס איז געווען איינער פון יענע מעלאַנכאָלישע נאָוועמבערטעג, ווען די גאַנצע שטאָט איז געוויינלעך איינגעהילט אין אַן אומדורכדרינגלעכן נעפל און מ'קאָן אַפילו קיין צוויי שריט ווייטער פון זיך גאָרנישט זען. אין אַזעלכע טעג איז עס נישט קיין קלייניקייט זיך צו קאָנען אָריענטירן אינעם ענגן גאַסנגעווירבל פון לאָנדאָן. איך האָב געטראָפן עמאַן אין אַן ענגן, אומפריינטלעכן אונטערשטן צימער, צוזאַמען מיט מערי איסאַק, די פרוי פונעם רירעוודיקן אַרויסגעבער פון „פרי סאָסייטי" אין שיקאַגאָ. צוליב דעם נעפל בין איך געקומען אַ סך שפעטער פון דער אָפגערעדטער צייט און ביידע פרויען האָבן געמיינט, אַז איך וועל שוין מער נישט קומען. זיי האָבן פאַרשאַלטן דאָס פאַסקודנע וועטער און נישט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי מ'קאָן בכלל לעבן אין אַזאַ שטאָט. אָבער ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן אינעם נעפל און אינעם גאַנצן מיאוסן אַרום און געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין אַן אינטערעסאַנטן שמועס. עמאַ האָט מיר דערציילט וועגן אירע דערפאַרונגען אין אַמעריקע און אויך געהאַט איבערצוגעבן געוויסע אויספירלעכע ידיעות וועגן אַלעקסאַנדער בערקמאַן, וועלכער איז

שוין דעמאָלסט געהאַט אָפּגעזעסן זיבן יאָר פון זיין טורמע־שטראָף אין פּיטסבורג, ידיעות, וועגן וועלכע מ׳האָט געוווּסט בלויז אין די אינטימסטע קרייזן. וועגן מיין אַרבעט צווישן די יידישע חברים אין ענגלאַנד האָט זי שוין פון לאַנג געהערט און זי האָט זיך נישט געקאָנט גענוג אָפּוווּנדערן, וואָס איך, אַ נישט־ייד, האָב זיך אַזוי גוט איינגעלעבט אין יענער פרעמדער סביבה. ווען איך האָב איר דערציילט וועגן דער שווערער לאַגע, אין וועלכער מיר זיינען אַזוי אומגעריכט אַריינגעשטויסן געוואָרן, האָט זי תיכף פאַרגעלייגט צו געבן פאַר אונדז אַ צאָל רעפעראַטן, וועמענס הכנסות זאָלן גיין פאַרן „אַרבייטער־פריינד". האָבן מיר טאַקע דורכגעפירט דריי אַזעלכע צונויפ־טרעפן אויף דער מיזרח־זייט; זיי האָבן אַריינגעבראַכט אייניקע פונט, וועלכע זיינען אונדז נאַטירלעך גוט צונוצגעקומען. מיט אַזעלכע אונטערנעמונגען האָט מען אָבער אין איסט־ענד דעמאָלט נישט געקאָנט האָבן קיין גרויסע הצלחה. דער רוב פון די צוהערער איז געווען דורכויס שלעכט־באַצאָלטע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט יעדער פּעני. מיר זיינען תמיד געווען צופרידן, ווען מיר האָבן געקאָנט צונויפנעמען דאָס געלט פאַר די הוצאות פונעם זאַל און די קאָסטן פון די פּלאַקאַטן.

ס׳האָט זיך געפאָדערט אַ סך ביטחון צו קענען גלייבן, אַז מיר וועלן ביי אַזעלכע מער ווי האָפּענונגסלאָזע אומשטענדן ווידער זיין בכוח אַרויסצוגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד". אָן אַ גראָשן אין קעשענע און פאַרשולדיקט איבערן קאָפּ מיט חובות, וועלכע מיר האָבן נישט געוווּסט, ווי אַזוי מיר וועלן קאָנען באַצאָלן, איז דאָס געווען אַ שווער איינשטעלעניש. מיר האָבן אין יענע טעג אַרויסגעקוקט אויפן גרויסן נס, וועלכעס זאָל אונדז אויף וועלכן ס׳איז אופן אַרויסרייסן פון דער שווערער לאַגע אונדזערער. אָבער דער נס איז דעמאָלסט, צום באַדויערן, נישט געשען און נאָכדעם ווי מיר האָבן אָוועקגעגעבן אונדזערע לעצטע כוחות און ביי בפירוש איבערמענטשלעכע אָנשטרענ־גונגען אַרויסגעגעבן נאָך צען נומערן, זיינען מיר לסוף דאָך געווען געצוווּנגען ווידער אָפּצושטעלן דאָס בלאַט.

אין דער צווישנצייט האָבן מיר זיך איבערגעצויגן אויף הענבורי סטריט, ווו מיר האָבן חוץ דעם לאָקאַל פאַר דער דרוקעריי נאָך געהאַט פאַר אונדז אַ קליין קלייטל, ווו מיר האָבן געקאָנט אָוועקשטעלן אונדזער ליטעראַטור. אָבער נאָכדעם ווי מיר זיינען אַריינגעשטויסן געוואָרן אין אַזאַ שווערער לאַגע, האָבן מיר געמוזט אויפגעבן דעמ־דאָזיקן פּלאַץ און געדונגען אין סטעפּני גרין אַזאַ מין שייער, וועלכער איז געשטאַנען דירעקט איבער אַ שטאַל און אונדז מיט דער פּולער שפע באַזאָרגט מיט כלערליי אָנגענעמע ריחות און מיט גאַנצע מחנות גרויסע בייזע פליגן. איבער יענער שטאַל איז טאַקע נישט געבוירן געוואָרן קיין נייער משיח, אָבער פונדעסטוועגן איז יאָ געשען אַ נס, וועלכעס פילט מיך נאָך היינט אָן מיט שטומער פרייד. אין יענעם אומגאַסט־פריינטלעכן לאָקאַל איז דאָך געבוירן געוואָרן אַ קינד, אַ קינד, מיט וועלכן מ׳איז געלעגן געוואָרן מיט יסורים און טאַקע דערפאַר איז עס געהאָדעוועט און אָפּגעהיט געוואָרן מיט נאָך אַזויפיל מער ליבשאַפט, — די צייטשריפט „זשערמינאַל". און געשען איז דאָס ביי אַזעלכע אייגנאַרטיקע אומשטענדן, אַז ס׳האָט אויך מיך אַליין שטאַרק איבערראַשט.

דער אַלטער זעצער פונעם „אַרבייטער־פריינד“ האָט אונדז פאַרלאָזט. מחמת ער האָט מיט רעכט איינגעזען, אַז ער וועט זיך שוין ביי אונדז קיינמאָל נישט קענען אַרויפאַרבעטן. האָבן מיר נאָך אין העןבורי סטריט צוגענומען אַ נייעם זעצער, וועלכער איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געהאַט אָנגעקומען פון רוסלאַנד. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען י. נאַראָדיצקי. ער האָט אין זיין היים געהאַט באַקומען אַ גוטע יידישע דערציונג און זיך צוגעגרייט צו ווערן אַ רב. אָבער ווי אַ סך אַנדערע האָט אויך אים דער גורל פאַרטריבן פון זיין היים און פאַרוואָרפן קיין לאָנדאָן, ווו ער האָט זיך אויסגעלערנט צו זיין אַ זעצער, ביכדי צו פאַרדינען אויף חיונה. נאַראָדיצקי איז געווען אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן, וועלכער איז געווען אַ גרויסער בקוי אין דער העברעישער ליטעראַטור. ער איז נאָך אין רוסלאַנד געווען אַן אַקטיווער ציוניסט, אָבער מיטן אָרטאָדאָקסישן יידנטום האָט ער נישט געהאַט קיין שום שייכות. דער פאַקט, וואָס כימעט די גרויסע מערהייט רבנים פון יענער צייט האָט מיט אַ ספּעציעלער פאַרביסנקייט באַקעמפט דעם ציוניזם, האָט געהאַט נישט קיין קליינעם חלק אין דעם, וואָס ער האָט זיך דערווייטערט פון די אַלטע רעליגיעזע טראַדיציעס. ער האָט געהאַלטן מיטן ד״ר הערצל, אַז דעם סולטאַן אינטערעסירט גאַנץ ווייניק פּאַלעסטינע און מ׳דאַרף בלויז וויסן ווי אַזוי פלינק אויסצוניצן דעם כראָנישן דוחק אין געלט פון דער טערקישער רעגירונג, ביכדי זי צו באַוועגן אָפּצוטרעטן דאָס לאַנד צו די יידן פאַר א ביליקן מקח.

דורך זיין באַקאַנטשאַפט מיט אונדזער קרייז, איז ער אויך ביסלעכווייז געוואָרן אַ היימישער אין דער פרייהייטלעכער אידעאָלאָגיע, וועלכע ער האָט גערן איבערגענומען, הגם ער איז אויך צוליב דעם נישט געוואָרן אומגעטריי צום ציוניזם. ער האָט געהאלטן, אז א יידישע פּאַלעסטינע האָט דעם בעסטן אויסקוק צו שאַפן אַ פרייע געזעלשאַפט, וואָרן אַ לאַנד אָן פּאָליטישע טראַדיציעס האָט פיל גרעסערע מעגלעכקייטן אָנצוהייבן מאַכן סאָציאַלע עקספּערימענטן איידער די אַלטע מלוכות פון אייראָפּע, וועלכע זיינען שוין שטאַרק פאַרפונדעוועט אין די אַלטע דרכים, ביכדי זיך צו לאָזן פירן אויף נייע וועגן. פון מיר האָט ער שטאַרק געהאַלטן, ווייל דער פאַקט, וואָס אַ „גוי“ האָט באַשטימט צו ווידמען זיין גאַנצע אַקטיוויטעט צווישן די יידישע אַרבעטער, האָט זיך אים אויסגעוויזן ממש ווי אַ וווּנדער איבער וווּנדער.

ווען ס׳איז שוין געוואָרן אַ באַשטימטע זאַך, אַז דער „אַרבייטער־פריינד“ מוז דערווייל אָפּגעשטעלט ווערן, איז ער אין א טאָג געקומען צו מיר און מיר פאַרגעלייגט אַרויסצוגעבן אַ נייע צייטשריפט און דאָס צו טאָן אויף מיין אייגענעם חשבון. איך האָב זיך נאַטירלעך אויסגעלאַכט פון דעם און אים געזאָגט, אַז ווען מיר וואָלטן געהאַט די נייטיקע מיטלען אַרויסצוגעבן אַ בלאַט, וואָלטן מיר דאָך נישט געווען באַדאַרפט אויפהערן אַרויסגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד“, וועלכער האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ טראַדיציע און אויך אַ באַשטימטן קרייז לייענער, וועלכער איז געווען צוזויפגעוואָקסן צום בלאַט. אָבער נאַראָדיצקי האָט געענטפערט, אז די גרופּע „אַרבייטער־פריינד“ וועט נישט זיין אימשטאַנד סיי צו קאָנען אויסצאָלן די אַלטע חובות און סיי שאַפן דאָס געלט, וואָס מ׳דאַרף האָבן אַרויסצוגעבן רעגלמעסיק דאָס

בלאַט. דאָס איז טאַקע געווען אמת און טאַקע אויך די סיבה, וועלכע האָט אונדז באַ־וויגן דערווייל אָפּצושטעלן די צייטונג, ביז מיר וועלן זיך קאָנען באַפרייען פון די חובות. נאראַדיצקי האָט דערקלערט זיין גרייטקייט אויסצוזעצן דעם מאַטעריאַל פאַרן נייעם בלאַט אונטער מיין רעדאַקציע און זיך צופרידנשטעלן מיט יעדער שכירות, ביז מיר וועלן באַוויזן דעם זשורנאַל צו פאַרפונדעווען. און וואָס שייך די נויטיקע הוצאות פאַרן דרוק פון די ערשטע עטלעכע נומערן, האָט ער שוין גערעדט מיט איניקע פון אונדזערע יינגערע חברים, וועלכע האָבן זיך דערקלערט גרייט מיך צו שטיצן אויף אַלערליי אופנים.

דער פאָרלייג האָט בלי שום ספק געהאַט עפּעס פאַרלאָקנדיקס אין זיך. איך האָב טאַקע געוווסט, אַז די באַוועגונג וועט מיט דער צייט נישט קאָנען אויסקומען אָן אַ בלאַט, אָבער איך האָב אויך געוווסט, מיט וואָס פאַראַ כימעט אומאיבערטרעפלעכע שוועריקייטן אַזאַ נייער פּרווו איז געווען פאַרבונדן. אָבער נאַראַדיצקי איז צוגעשטאַ־נען, אַז עס לוינט זיך צו מאַכן אַ פּרווו, ביפרט אז איך אַליין האָב דאָ גאָרנישט וואָס איינצושטעלן, גאָרנישט צו פאַרלירן. וועט זיך דאָס בלאַט קאָנען אויפהאַלטן, איז דאָך אוודאַי גוט. און טאָמער נישט, — ווערט מען דאָך דערמיט אויך גאָרנישט אָן.

ביי אַט־אַזעלכע אומשטענדן האָב איך זיך ענדלעך דערקלערט גרייט איינצושטעלן און אָנצוהייבן. איך האָב דעריבער פאַרגעלייגט דעם פּלאַן פאַר די חברים פון דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד", ביכדי צו הערן, וואָס זיי האָבן וועגן דעם צו זאָגן. דער רוב פון זיי האָט נישט געהאַט קיין גרויסע האָפענונג אויף אַ דערפאָלג; אָבער דער אויסקוק צו האָבן אַ נייעם אָרגאַן פאַר דער באַוועגונג ביז דער „אַרבייטער־פריינד" וועט ווידער קאָנען אַרויסגיין, האָט באַקומען די פולע אָנערקענונג. האָט מען געשטעלט די דרוקעריי אין מיין רשות און מיר אָנגעוווּנטשן מזל אינעם נייעם פּרווו. אַזוי איז דעם 26טן יאַנואַר 1900 אַרויס דער לעצטער נומער פונעם „אַרבייטער־פריינד" מיט אַ וואַרעמען געזעגן־אַרטיקל פון דער גרופּע צו די לייענער און אויך אַ מעלדונג וועגן דער נייער צייטשריפט „זשערמינאַל".

אַזוי ווי איך בין ביים אַרויסגעבן דעם זשורנאַל נישט געווען אָפּהענגיק פון קיין שום גרופּע, איז מיר איינגעפאַלן דער געדאַנק צו געבן דעם אָרגאַן אַ גאַנץ נייעם כאַראַקטער. ער זאָל בעיקר דינען פאַר דער פאַרטיפונג פון די אידעען און באַקאַנט צו מאַכן די לייענער מיט אַלע פרייהייטלעכע שטרעבונגען פון דער מאָדערנער ליטע־ראַטור און פונעם הייִנטצייטיקן געדאַנקענגאַנג. איך האָב דערביי געטראַכט וועגן אַזאַ מין סינטעז צווישן אַ גוטן פּראָפּאַגאַנדע־בלאַט פאַר אונדזערע אידעען און אַ צייט־שריפט, וועלכע זאָל זיך אויך אָפּגעבן מיט די טיפערע פּראָבלעמען פונעם גייסטיקן און סאָציאַלן לעבן. פאַר דעם צוועק האָט זיך מיר אויסגעוויזן נישט גענוג פּאַסיק אַ קליינע וואָכנשריפט און איך האָב דעריבער באַשלאָסן אַרויסצוגעבן די נייע צייט־שריפט אַלע צוויי וואָכן אין זעכצן זייטן און אָן קאָמערציעלע אַנאָנסן.

אַזוי איז דעם 16טן מערץ 1900 אַרויס דער ערשטער נומער אונטערן נאָמען „זשערמינאַל", אָרגאַן פאַר אַנאַרכיסטישער וועלטאַנשויונג". און הגם איך בין געשטאַנען צום נאָענטסטן צו קראָפּאָטקינס אידעען, איז מיר אָבער שוין דעמאָלסט

געווען קלאָר, אַז די אָנגענומענע דעפיניציעס מוטואַליסטיש, קאָלעקטיוויסטיש אָדער קאָמוניסטיש האָבן בלויז אַ צווייטראַנגיקן באַטייט. ס׳האָט זיך קודם־כל געהאַנדלט צו דערציען די מענטשן צו פרייהייט און זיי צו באַוועגן און דערמוטיקן צו אייגענעם שאַפן און אייגענעם דענקען. אַלע עקאָנאָמישע השערות פאַר דער צוקונפט, וועלכע וועלן דאָך פריער מוזן אויסגעפּרוווט ווערן דורך פּראַקטישע דערפאַרונגען און עקס־פּערימענטן, זיינען גוט און ווויל, כל־זמן זיי זיינען אימשטאַנד צו פאַרזיכערן דעם מענטש דעם פּראָדוקט פון זיין אַרבעט און לאָזן אויך נישט אַרויס פונעם אויג די סאָציאַלע איבעראַנדערשונג פונעם לעבן, אַזוי אַז דער יחיד זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו קאָנען אַנטוויקלען פריי און אומגעשטערט זיינע נאַטירלעכע פעיקייטן און אייגנ־שאַפטן און נישט באַווירקט צו ווערן פון שטייפע תקנות און פוסטע דאָגמעס. מיין טיפסטע איבערצייגונג האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז דער אַנאַרכיזם קאָן נישט באַנומען ווערן נישט ווי אַ באַשטימטער אָפּגעשלאָסענער סיסטעם און אויך נישט ווי אַ פּאַרטיקע לייזונג פאַר די קומענדיקע דורות, נייערט פיל גיכער ווי אַ ספּעציעלע טענדענץ אין דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, וועלכע שטעלט־אַוועק די פרייהייט ווי אַ פאַר־אויסיקן תנאַי אויף אַלע געביטן פון די מענטשלעכע מעשים און טראַכטענישן, און טאָקע דערפאַר קאָן ער נישט אַוועקגעשטעלט ווערן אויף אומפאַרענדערלעכע און שטייפע דירעקטיוון און ליניעס. פרייהייט איז קיינמאָל נישט דאָס שוין דערגרייכטע, נאָר דאָס, צו וואָס מ׳דאַרף ערשט שטרעבן. מהאַי טעמה זיינען אירע שטרעבונגען און פּרעטענזיעס אומבאַגרענעצטע און זיי קאָנען נישט אַריינגעקלעמט ווערן אין אַ באַ־שטימטן פּראָגראַם און אויך נישט רעקאָמענדירט ווערן ווי אַ באַשטימטער כלל פון דער צוקונפט. יעדער דור ווערט אַוועקגעשטעלט פאַר זיינע באַזונדערע אויפגאַבן, וועלכע מ׳קאָן באַשטימען פון פאָרויס. דער ערגסטער דעספּאָטיזם איז די טיראַניע פון בירושה איבערגענומענע אידעען, וועלכע זיינען מער נישט פעיִק צו קיין אינערלעכער אנטוויקלונג און זיינען אויסן אַלעס אוועקצושטעלן און צו טייטשן לויט אַ באַשטימטער נאָרמע. אין דעם זין איז די נייע צייטשריפט פון מיר אָריענטירט גע־וואָרן. און ווען אַפילו איך זאָל היינט קאָנען געפינען וואָס־נישט־איז אויסצוזעצן ביפּרטות, מיין איך אָבער, אַז ס׳איז נישט געווען קיין שלעכטער אויפטו, וועלכן איך האָב דעמאָלסט אָנגעהויבן.

דאָס אַרויסגעבן דעם נייעם זשורנאַל איז געווען פאַרבונדן מיט שוועריקייטן, וועלכע ס׳איז שווער צו באַשרייבן. מיר האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט מיט ליידיקע הענט, אַזוי צו זאָגן, און נישט געהאַט קיין באַגריף, וואָס פאַראַ גורל ס׳איז איר באַשערט. באַטראַכטנדיק דעם עינין פון ריין־מאַטעריעלן קוקווינקל איז יענער פּעריאָד אפשר געווען דער שווערסטער פון מיין לעבן. אונדזערע פאַרהעלטענישן זיינען געווען מער ווי באַשיידן; ס׳האָט אונדז אינדעראמתן הויפּיק געפעלט דאָס נייטיקסטע און דער דלות אין אונדזער הויז האָט געפייפט אין אַלע ווינקעלעך. און פונדעסטוועגן געדענק איך נאָך היינט מיט אַ בענקעניש אין האַרץ יענע שוין לאַנג פאַרגאַנגענע טעג, וועלכע האָבן פאַרקערפּערט אין זיך נעבן אַזויפיל שאָטנזייטן אויך אַ סך ראַנגלדיק און שטרעבנדיק מענטשנטום, אַזוי פיל גייסטיקן אידעאַליזם און אומבאַגרענעצטע

קרבנות־גרייטקייט, אַזעלכע, וועלכע ס׳איז שוין היינט אַ זעלטנקייט ערגעצוווּ צו געפינען. ס׳ווערט מיר ביי יעדן מאָל וואַרעם אויפן האַרץ, ווען איך דערמאָן זיך אין יענע יונגע פּרעכטיקע מענטשן, וועלכע זיינען דעמאָלסט געשטאַנען אויף מיין זייט מיט אַזויפיל איבערגעגעבנקייט און אָפט מקריב געווען דאָס לעצטע, ביכדי אַרויסצוּ־ברענגען אַ נייעם נומער.

ס׳האָט אין יענעם קרייז געהערשט אַזאַ טיפע אינערלעכע ריינקייט און אויפריכ־טיקייט בנוגע דער אידעאָלאָגיע; ס׳איז געווען אַזוי פיל פאַרהוילענע לעכצעניש און גאַרעניש, וועלכע איז נישט פאַרטונקלט געוואָרן פון קיין שום קליינלעכער אויסרע־כענונג. ס׳איז געווען אַ יוגנט, וועלכע האָט נאָך נישט גענומען קיין פּראָצענטן אויפן חשבון פון לעבן און האָט געוווּסט, ווי אַזוי פריי און אומקאָנדיציאָנעל זיך אויפצוּ־ברענגען פאַר אַן אידעאַל, וועלכער איז ביי איר געווען טיף איינגעבאַקן אין האַרץ און איז געוואָרן דער אינהאַלט פון איר יונג לעבן. ווייל דאָס איז דאָך טאַקע דער זכות און די בכורה פון דער יוגנט, — צו יאָגן זיך נאָכן אוממעגלעכן און צו בויען בריקן צו דער אויסגעחלומטער צוקונפט. נישט פאַראַן קיין ערגערע זאַך ווי יונגע ציניקער, וועמען ספיקות צעפרעסט שוין די נשמה, נאָך איידער זיי האָבן געהאַט גענוג צייט זיך צו אַנטוויקלען. יונגע מענטשן, וועלכע פילן און דערשמעקן אומעטום פוילעניש און מיסט, זיינען באַדויערלעכע באַשעפענישן, וועלכע פאַרשטייען נישט, ווי אַזוי אָפּצוּ־שאַצן זייער יוגנט. גליקלעך איז יענער, אין וועמענס נשמה ס׳זשאַרעט נאָך אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַ פונק פון יוגנטלעכער באַגייסטערונגס־פעיקייט, אַ פונק, וועל־כער אידעאַליזירט דעם הערבסט פון זיין לעבן און לאָזט אים נישט פאַרגעסן די גרויסע גאַרעניש צו דעם, וואָס דאַרף נאָך קומען.

„זשערמינאַל" האָט אין אַ קורצער צייט זיך איינגעשאַפן אַ דאַנקבאַרן קרייז ליי־ענער צווישן די חברים און אָנהענגער פון דער באַוועגונג, וועלכע האָבן זיך גענומען צום האַרץ די גייסטיקע אַנטוויקלונג פון די אידעען. חוץ אין ענגלאַנד האָבן מיר געהאַט לייענער אין אַלע וויכטיקע שטעט פון אַמעריקע, אין פאַריז, קייפּטאַון און יאָהאַנעסבורג, אין קאַירא און אַלעקסאַנדריע, אין בוקאַרעסט, סאָפיאַ, בערלין און בוענאָס איירעס. אין אייניקע פון די דערמאָנטע ערטער האָבן מיר געהאַט בלויז ווייניק לייענער, ביי וועמען די צייטשריפט איז דערפאַר געווען נאָך מער אָנגעלייגט. ווען איך בין מיט א סך יאָרן שפּעטער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געקומען קיין בערלין און זיך דאָרט פּערזענלעך באַגעגנט מיטן באַקאַנטן שוישפּילער ל. גראַנאַך, האָט ער מיר דערציילט, אַז „זשערמינאַל" האָט אים געגעבן די ערשטע דערמוטיקונג פאַר זיין שפּעטערדיקער קאַריערע אויף דער דייטשער בינע. אין דער צייט, ווען איך האָב אין לאָנדאָן אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל, האָט גראַנאַך געלעבט ווי אַ יונגיטשקער בחורל אין בערלין, ווו דער צופאַל האָט אים צונויפגעפירט מיט אַ גרופּע יידישע אַנאַרכיסטן, וועלכע פלעגט באַקומען אויפן צוגעטראַכטן נאָמען פון אַ דייטשן חבר איבער אַ צענדליק נומערן פונעם „אַרבייטער־פריינד" און דערנאָך אויך פונעם „זשערמינאַל". דער יונגער גראַנאַך, וועלכער האָט דעמאָלסט געאַרבעט ווי אַ בעקער, האָט נישט געהאַט באַקומען קיין שום בעסערע דערציונג, ווי דער רוב מיזרח־יידישע אַרבעטער,

אָבער ער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך־באַגאַבטער מענטש מיט אַ געבוירענעם־קינסטלערישן טאַלענט. אין יענער גרופּע האָט ער צום ערשטן מאָל געזען אונדזער זשורנאַל, וועלכער האָט אים געגעבן דעם ערשטן שטויס זיך צו פֿאַרנעמען מיט דער שיינער ליטעראַטור. זיין מייסטערהאַפֿטע פֿעיקייט צו רעציטירן האָט אים אין יענעם קרייז באַלד געמאַכט אַ גרויסן שם, ביז ער האָט געצויגן אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אַ רייכן מענטש מיט אַ חוש פֿאַר קונסט, וועלכער האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו באַזוכן אַ שול פֿאַר דראַמאַטישער קונסט. אַזוי אַרום איז גראַנאַך אויסגעוואַקסן צו איינעם פֿון די באַרימטסטע שוישפּילער אין דייטשלאַנד, וועלכער האָט קיינמאָל נישט פֿאַרלייקנט זיין פֿאַרגאַנגענהייט און געענוי געוווסט, אַז זיין ברויזנדיקער בונטאַרישער טעמפּעראַמענט איז געווען דער אמתער קוואַל פֿון זיין קונסט.

ווען מיר האָבן שוין מיט מזל געהאַט אַרויסגעגעבן צוועלף נומערן, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ נייער שוועריקייט, דורך וועלכער ס'איז געשטעלט געוואָרן אין ספק די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פֿונעם נייעם זשורנאַל. נאַראָדיצקי האָט מיר אין אַ שיינעם טאָג געלאָזט וויסן, אַז ער איז מער נישט אימשטאַנד ווייטער צו זעצן דעם זשורנאַל. איך האָב אָט־דעם מאָמענט שוין פֿון לאַנג פֿאָרויסגעזען און בין אויף אים דערפֿאַר נישט ברוגז געווען, וואָרן דאָס, וואָס ער האָט ביי אונדז פֿאַרדינט ווי אַ זעצער פֿונעם זשורנאַל, איז נישט געווען גענוג אויפֿצוהאַלטן די נשמה. האָט ער זיך דעריבער אָנגעכאַפּט אין אַ געלעגנהייט איבערצונעמען אַ קליינע דרוקעריי און ער האָט געהאַט אַן אַ שיער אַרבעט, ביכדי צו לאָזן אין גאַנג זיין אייגענע אונטערנעמונג. חוץ דעם איז נאָך צוגעקומען אַן אַנדערער אומשטאַנד, וועלכער האָט אונדזער לאַגע געמאַכט נאָך שווערער. די גרופּע „אַרבייטער־פֿריינד" האָט אינצווישנצייט אָפּגעצאָלט דעם רוב פֿון אירע חובות און זיך איצט אַרומגעטראָגן מיטן פּלאַן באַנייס אָנהייבן אַרויסגעבן דעם „אַרבייטער־פֿריינד", אַזוי אַז איך וועל אויף ווייטער זיך נישט קאָנען באַנוצן מיט דער דרוקעריי, ווייל ס'איז פּשוט נישט געווען גענוג שריפֿט פֿאַר ביידע אויסגאַבן. דערמיט האָט זיך דער גורל פֿון מיין אין יסורים געבוירענעם קינד אויסגעוויזן צו זיין אַ פֿאַרזיגלטער און איך האָב באמת נישט געזען קיין אַנדערן אויסוועג, ווי נאָר אָפּצושטעלן דעם זשורנאַל, לפּחות דערווייל. דאָס איז פֿאַר מיר געווען אַ שווערער באַשלוס, ווייל די צייט־שריפֿט איז מיר, נישט געקוקט אויף דער גאַנצער שווערער האָרעוואַניע אַרום איר, געווען איינגעוואַקסן אין האַרץ. אַפֿילו דאָס באַנייאיקע אַרויסגעבן דעם „אַרבייטער־פֿריינד" האָט נישט געקאָנט זיין קיין ריכטיקע טרייסט פֿאַר מיר, מחמת „זשערמינאַל" האָט דאָך דורכגעפֿירט אַ גאַנץ אַנדערע מיסיע, וועלכע איז מיר געווען שטאַרק נאָענט און ליב.

האָט זיך מיטאַמאָל צוגערוקט צו מיר דער חבר ס. ערנסט, אַ יונגער און רירעוודיקער אַרבעטער, וועלכער האָט באַלאַנגט צו אונדזער אינערלעכן קרייז, און מיר פֿאָרגעלייגט צו באַזאָרגן אייגענעם שריפֿט, ביכדי מיר זאָלן דעם זשורנאַל קענען זעצן אַליין. ער האָט שוין געהאַט גערעדט מיט אַ שריפֿטגיסער, וועלכער איז געווען גרייט מיר צו געבן אַ קרעדיט פֿון צוועלף ביז פֿופֿצן פֿונט, אויב איך קאָן אים איינצאָלן פֿופֿציק שילינג. די שריפֿט, וועלכע מיר וואָלטן אַזוי אַרום באַקומען, וואָלט פּונקט

געווען גענוג אויסצוזעצן אַכט זייטן פונעם זשורנאַל, און נאָכן אָפּדרוקן און צעוואַרפן זיי — זעצן די אַנדערע אַכט זייטן. ערנסט האָט דעמאָלסט באַלאַנגט צו די אַמבעסטן באַצאָלטע אַרבעטער אין אונדזער קרייז. ער איז געווען באַשעפטיקט אין אַן ענגלישער פאַבריק פון אָרגלען, איז קיינמאָל נישט אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט און ער האָט זיך אָנגעבאָטן צו דעקן דעם ערשטן איינצאָל פאַרן שריפטגיסער פון זיין אייגענער קעשענע.

אַזוי איז עס טאַקע געווען און איך האָב באַקומען די שריפט, נאָכדעם ווי איך האָב זיך מיתחייב געווען דעם רעשט אויסצוצאָלן אין מאָנאַטלעכע ראַטעס צו צען שילינג. איך פלעג נאָך פריער העלפן באַראַדיצקין ביים זעצן דעם „זשערמינאַל", און ווען אַפילו איך בין נישט געווען קיין פלינקער זעצער, האָב איך אָבער שוין געהאַט גענוג ידיעות אין דער שוואַרצער קונסט, ביכדי זיך אונטערנעמען צו מאַכן די אַרבעט. אויך מילי האָט באַנוצט איר פרייע צייט זיך אויסצולערנען באַנוצן מיטן ווינקלהאַק און איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי איז געווען אימשטאַנד אויסצוזעצן אַליין איינס אָדער צוויי אַרטיקלען פאַר יעדן נומער.

ווען איך וואַרף היינט אַ בליק אויף יענע אַלטע בלעטער, געפין איך אויס, אַז טיפּאָגראַפיש מאַכן זיי אַ זייער אָנגענעמען איינדרוק. אַפילו מיין גרויסער לאַנדסמאַן גוטענבערג, וועלכער האָט, פונקט ווי איך, דערזען דאָס ליכט פון דער וועלט אין דערזעלביקער אוראַלטער שטאָט ביים ריין און דאָרט איינגעאָרדנט די ערשטע דרו־קעריי אין אייראָפּע, אַפילו ער וואָלט מיסתמא נישט געהאַט גאָרנישט וואָס אַרויסצו־שטעלן קעגן אונדזער אַרבעט. מיר זיינען טאַקע ביידע נישט געווען קיין זעצער פון פאַך, אָבער אונדזער אַרבעט איז פונדעסטוועגן נישט געווען ערגער, ווען אַפילו זי האָט פון אונדז פאַרלאַנגט מער צייט.

דערמיט האָב איך עס מיט מזל דערפירט אַזוי ווייט, אַז נישט בלויז האָב איך דאָס בלאַט אַליין אָנגעשריבן, נאָר צוזאַמען מיט מילין אויך אַליין געזעצט, אַליין געשלאָסן די פאָרמען און אינגאַנצן צוגעגרייט צום דרוק. די שווערסטע אַרבעט איז געווען דאָס אַריבערפירן דעם שווערן זאַץ אין דער דרוקעריי. מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אין אַ גרויסן צימער אין דאַנסטאָן ד'עלינגס אויפן פערטן גאָרן, וועלכעס איז געווען סיי אַ צימער צום וווינען, סיי צום שלאָפן און איצט נאָך געמוזט דינען צום זעצן דעם זשורנאַל. קיין לייכטע אַרבעט איז דאָס בשום אופן נישט געווען, ווען מ'האָט ביי יעדן מאָל געמוזט טראָגן די שווערע בלייערנע פאָרמען פון די זייטן אַרויף און אַראָפּ און נאָכדעם ערשט אין דרוקעריי אַריין. אָבער כ'בין געווען יונג און שטאַרק און האָב תמיד געהאַט חברים, וועלכע זיינען מיר ביי אַט־דער אַרבעט בייגעשטאַנען.

אַזוי ווי דער „אַרבייטער־פריינד" האָט איצט ווידער באַדאַרפט אָנהייבן אַרויס־גיין, האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דעם „זשערמינאַל" בלויז איין מאָל אין חודש, ווייל די באַוועגונג איז נאָך דעמאָלסט נישט געווען גענוג שטאַרק צו קאָנען אַרויס־געבן אַ וואָכנבלאַט און אַ זעכצנזייטיקן זשורנאַל יעדע צוויי וואָכן. ווי אַזוי איך האָב זיך אַן עצה געגעבן אָנצושרייבן ביידע בלעטער און דערצו נאָך איינער אַליין צו זעצן און צוצוגרייטן צום דרוק, איז נאָך היינט אַ רעטעניש פאַר מיר. אָבער מ'קאָן דאָך אויפטאָן אַ סך, ווען מ'איז יונג און מ'האָט אַ סך צוטרוי צו זיך.

# די גרופּע „פרייהייט"

אין די צווײ טעג פון די ווײנאַכט־יום־טובים פון יאָר 1900 איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון יידישע אַנאַרכיסטן, וועלכער איז צונויפגערופן געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד". דער צוועק פונעם דאָזיקן צוזאַמענקום איז געווען דאָס פונדאַסנייאיקע אַרויסגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד". דער צוזאַמענפאָר איז געווען גוט באַזוכט און באַהערשט מיט דער בעסטער מאָראַלישער שטימונג. אָבער ווען ס'איז געקומען צום עינין וועגן שאַפן די נייטיקע מיטלען, צו העלפן דעם בלאַט בייקומען די ערשטע שוועריקייטן, האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן, אַז אויך איצט שטייען מיר נישט בעסער ווי ביי אַלע פריערדיקע געלעגנהייטן. ביז צו אַ געוויסער מדרגה איז די סיטואַציע געווען אפילו נאָך ערגער ווי אין די פריערדיקע יאָרן. די מילחמה אין דרום־אַפריקע האָט אין אַ סך אינדוסטריעס גורם געווען אַ שווערן קריזיס, פון וועלכן אויך די יידישע אַרבעטער־שאַפט איז שווער געטראָפן געוואָרן. אַ היפּשע צאָל פון די אַקטיווסטע חברים איז צוליב דער געדריקטער עקאָנאָמישער לאַגע אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, און דאָס איז פאַר אונדז געווען אַ פילבאַרער פאַרלוסט, וועלכער האָט נישט לייכט געקאָנט אויסגעגליכט ווערן. ווען מיר האָבן דעריבער דעם 18טן פעברואַר 1901 אַרויסגעגעבן דעם ערשטן נומער פונעם אַכצנטן יאָרגאַנג, האָבן מיר קוים געהאַט אַזוי פיל געלט אין דער קאַסע, צו קאָנען דעקן די הוצאות פון די קומענדיקע צווײ אָדער דרײ נומערן. די עקזיסטענץ פונעם בלאַט איז דעריבער געווען אינגאַנצן אויסגעשטעלט אויפן צופאַל, ווי דאָס איז אויך ביז דעמאָלסט תמיד געווען דער פאַל. ביי אַזעלכע אומשטענדן וואָלט מען מיסתמא געווען געטאָן בעסער, ווען מ'לייגט־אָפּ דאָס באַנייאיקע אַרויסגעבן פונעם בלאַט אויף אַ בעסערער צייט. אָבער ווי דאָס פּאַסירט געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, אַזוי איך אויך דעמאָלסט דער אַרבעטס־חשק פון די חברים געווען באַדייטנדיק שטאַרקער ווי די מיטלען, מיט וועלכע מיר האָבן געקאָנט רעכענען.

אָבער דאָס, וואָס האָט אונדזער אַרבעט אין יענער צייט נאָך געמאַכט פיל שווערער, איז געווען אַן אינערלעכע מחלוקה, וועלכע האָט אומנוצלעך צעשפּליטערט די כוחות פון דער באַוועגונג. דאָס איז געווען אויף אַזוי פיל באַדויערלעכער, אויף ווי ווייט ס'האָט זיך דאָ נישט געהאַנדלט וועגן חילוקי־דעות פון פּרינציפּיעלן אָדער טאַקטישן כאַראַקטער, נייערט ס'איז דאָ געגאַנגען וועגן ריין־פּערזענלעכע מאָטיוון,

וועלכע האָבן ביי די דעמאָלסטיקע שווערע צושטאַנדן געמוזט האָבן אַ פּאַראַליזירנ־דיקע ווירקונג אויף דער גאַנצער באַוועגונג. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די פרייהייטלעכע באַוועגונג אין איסט־ענד האָט באַקומען אַ מעכטיקן אויפלעב, וואָלט מיסתמא די גאַנצע מחלוקה נישט געהאַט קיין שום באַטייט, אָבער דעמאָלסט, ווען אַלעס איז געווען געווענדט אין יעדן איינעם, זיינען די פאַרהעלטענישן געווען גאַנץ אַנדערע.

די סיבה פון יענע אומאַנגענעמע פּאַסירונגען זיינען געווען אָט־וועלכע: דער־זעלביקער מענטש, וועלכער האָט מיט אַנדערהאַלבן יאָר פריער אַזוי שטאַרק געהאַט אויסגענוצט צום שלעכטן אונדזער צוטרוי און אונדז געצוווּנגען אָפּצושטעלן דעם „אַרבייטער־פריינד", דורך צונעמען פאַר זיך דאָס געלט פון די אַנאָנסן, האָט זיך צונויפגעזאַמלט מיט אַ געוויסער צאָל יונגעלייט און זיי געלאָזט וויסן, אַז ער איז גרייט צו פאַרריכטן דעם באַגאַנגענעם פעלער און אומצוקערן די סומע, וועלכע ער האָט אויף אַזאַ אומבאַרעכטיקטן אופן צוגענומען פאַר זיך. וואָלט קעגן דעם נישט געווען גאָרנישט וואָס צו זאָגן, ווען ער וואָלט געווען געפּרוווט אומצוקערן דעם באַטרעף דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד", מחמת זי איז דאָך דאָס געווען יענע, וועלכע האָט געמוזט צאָלן די חובות, וואָס זיינען געבליבן אומבאַצאָלט צוליב זיין „אויפטו". אָבער אַנשטאָט דעם האָט ער מיט יענע יונגעלייטלעך געגרינדעט אַ נייע אָרגאַניזאַציע, די גרופּע „פרייהייט", און געקויפט ביי אַ שריפטגיסער שריפט, וועלכע ער האָט געשטעלט אין רשות פון אָט־דער גרופּע. אין דערדאָזיקער גרופּע איז חוץ אים נישט געווען קיין איין מענטש, וועלכער האָט פון פריער באַלאַנגט צו דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד" אָדער זיך מיטגעשטייערט כאָטש מיט אַ גראָשן פאַר די אָנגע־מאַכטע חובות.

ווען אַפילו די נייע גרופּע וואָלט מסכים געווען מיט אָט־דעם אויסגלייך פון אַן ענין, מיט וועלכן זי האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן שייכות, וואָלט איר אַחריות־געפיל זי געווען געדאַרפט באַוועגן אומצוקערן דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד" דעם חוב, וועלכער איז איר אָנגעמאַכט געוואָרן דורך א געמיינער פעלשונג פונעם צוטרוי. דורך אַזאַ מין דערפילן די אחריות און אַ חברלעכער איינפאַרשטענדעניש וואָלט יענער טרויעריקער און פאַרדריסלעכער ענין מיסתמא איין מאָל פאַר אַלע מאָל געווען אַראָפּגענומען געוואָרן פונעם סדר־היום און מ'וואָלט זיך אין אים מער נישט געווען דערמאָנט. אָבער אַנשטאָט דעם האָט די נייע גרופּע פאַרטראָטן די מער ווי משונה־מאָדנע פּאָזיציע, אַז די גרופּע „אַרבייטער־פריינד" האָט נישט קיין שום ספּעציעל רעכט אויפן צוגענומענעם געלט, אויף וועלכן די גאַנצע באַוועגונג האָט אַ רעכט, און ס'איז במילא נישט וויכטיק, צו וועמען דאָס געלט ווערט אומגעקערט.

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַן אייגנאַרטיקער אויסטייטש פון די פאַקטן, וועלכע האָבן זיכער נישט געקאָנט העלפן לייזן די פראַגע און אויפצוהאַלטן די גוטע האַרמאָניע אין דער באַוועגונג. אַז איין צד דאַרף טראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרט־לעכקייט און דעקן יעדן גראָשן, בעת דער אַנדערער נעמט זיך אייגנוויליק דאָס רעכט איבערצונעמען דאָס געלט, אויף וועלכן ער האָט נישט געהאַט קיין שום רעכט

און קיין שום שייכות דערצו, דאָס איז געווען אַ צוגאַנג, וועלכן מ׳האָט אפשר גע־קאָנט דערקלערן מיט יוגנטלעכער טיפּשות, אָבער בשום אופן נישט באַרעכטיקן.

אַזוי האָט זיך געשאַפן די טרויעריקע מחלוקה אין דער באַוועגונג, פּאַר וועלכער ס׳זיינען נישט פאַראַן געווען אַפילו די מינדסטע זאַכלעכע מאָטיוון און אויף וועלכער מיר האָבן זיך דווקא אין יענע שווערע צייטן צום ווינציקסטן געקאָנט דערלויבן. אַז די מיטגלידער פון דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״ האָבן זיך צוליב אַזאַ אויפפיר לגבי זיי נישט געפונען אין אַ זייער מילדער שטימונג, איז דאָך איבעריק צו זאָגן. אָבער פונדעסטוועגן איז די גאַנצע מחלוקה פון אָנהויב פאַרבליבן אינעם ענגערן קרייז און זי וואָלט אויך מיסתמא קיינמאָל נישט געווען אַרויסגעקומען אין דער עפנטלעכקייט, ווען די גרופּע „פרייהייט״ גופא וואָלט נישט געווען דערפירט צו דעם. דידאָזיקע גרופּע האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט מיטן אַרויסגעבן בראָשורן, אָבער באַלד אינעם ערשטן ביכעלע האָט זי אַרויסגעלאָזט א דערקלערונג, אין וועלכער ס׳האָט זיך געזאָגט, אַז דערזעלביקער מענטש, אַרום וועלכן ס׳האָט זיך דעמאָלסט געפירט די גאַנצע מחלוקה, האָט דאָס געלט, וועלכעס ער האָט צוגענומען ביי דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״, אומגעקערט דער גרופּע „פרייהייט״. און טאָמער איז דאָס נאָך געווען נישט גענוג, איז נאָך אַרויסגעטראָגן געוואָרן די טענה, אַז די סומע איז בכלל נישט געווען אַזוי גרויס ווי ס׳איז אין זיין צייט געווען געמאָלדן אינעם „אַרבייטער־פריינד״. מ׳האָט זיך, בכן, נישט באַנוגנט דערמיט, וואָס מ׳האָט צוגעֹ־נומען דאָס געלט, וועלכעס האָט לויט יעדן געזונטן מענטשלעכן שכל באַלאַנגט צו דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״, נייערט מ׳האָט נאָך דערצו אויך באַשולדיקט די געלטענע אין ליגנערישקייט. דאָס איז געווען אויף אַזוי פיל אומווירדיקער, אויף וויפל קיין איינער פון די מיטגלידער פון דער נייער גרופּע איז נישט געקומען אַ קוק־טאָן אין די קאַסע־ביכער פון דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״ און אָט־די טענה האָט זיך בלויז געקאָנט האָבן געשטיצט אויף דער פאַרזיכערונג פון דעם, וועמענס אויפ־פיר האָט גורם געווען די גאַנצע מחלוקה. קומען עפנטלעך באַשולדיקן ווי ליגנער אַ גאַנצע גרופּע ערלעכע חברים, וועלכע האָט שטענדיק דערפילט איר חוב מיט דער גרעסטער קרבנות־גרייטקייט און גענומען אויף זיך יעדן מין אַחריות, און דאָס טאָן אָן די מינדסטע באַווייזן — דאָס איז געווען אַן אויפפיר, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין פאַרגעבונג. און ביכדי פול צו מאַכן די מאָס האָט ל. באַראָן, דער סעקרעטאר פון דער גרופּע „פרייהייט״, צוגעשיקט מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער אַ בריוו צו דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״, אין וועלכן ער האָט דערקלערט, אַז זיין גרופּע איז גרייט אָפּצוצאָלן דעם רעשט פונעם חוב, ביתנאַי, אַז מיר וועלן מסכים זיין מיטן אָפּמאַך פון דער גרופּע „פרייהייט״ און דאָס לאָזן וויסן עפנטלעך דורך אונדזער בלאַט. די גרופּע „אַרבייטער־פריינד״ האָט שוין דעמאָלסט געהאַט אויסגעצאָלט כימעט אַלע חובות, וועלכע זיינען איר אָנגעמאכט געוואָרן, ס׳האָט בלויז געפעלט צו באַצאָלן צוויי אָדער דריי פונט. אַזוי אַרום איז באַראָנס בריוו אויסגעקומען ווי אַ חוזק, אַן אָפּ־שפּאָט. ביי אָט־די אומשטענדן איז די גרופּע „אַרבייטער־פריינד״ קעגן איר ווילן געווען געצוווּנגען צו מאַכן אַן עפנטלעכע דערקלערונג אינעם „אַרבייטער־פריינד״,

אין וועלכער ס'איז נאָכאַמאָל אויף אַ קורצן און זאַכלעכן אופן געשילדערט געוואָרן דער אמתער באַשטאַנד פונעם גאַנצן באַדויערלעכן עיניין.

דאָס, וואָס די גאַנצע מחלוקה האָט דעמאָלסט אָנגענומען אַזאַ גרימצאָרנדיקן כאַראַקטער, פאַר דעם איז אין דער ערשטער ריי געווען פאַראַנטוואָרטלעך ל. באַראָן אַליין. כימעט אַלע מיטגלידער פון דער גרופּע „פרייהייט" זיינען געווען יונגעלייט, וועלכע זיינען ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק געהאַט אַריינגעקומען אין דער באַוועגונג און זיי האָבן לגמרי נישט געוווסט וועגן וואָס דאָ גייט און ווי אַזוי דער אייגנטלעכער עיניין זעט אויס. באַראָן איז אין יענעם קרייז געווען דער איינציקער עלטערער חבר, וועלכער איז געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג זינט יאָרן שוין און ער האָט פיל בעסער געקאָנט פאַרשטיין די גאַנצע סיטואַציע, ווען ער וואָלט דאָס געוועז געוואָלט. אין משך פון מיין צייט אין דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד", האָט ער קיינמאָל נישט באַלאַנגט צו איר. די סיבה דערפון איז געווען אַן אַלטע מחלוקה צווישן אים און י. קאַפּלאַן; זיי האָבן זיך נישט געקאָנט פאַרליידן איינער דעם אַנדערן. באַראָן האָט קיינמאָל נישט געקאָנט געפינען קיין גוט וואָרט פאַר קאַפּלאַנען, און דער לעצטער, וועלכער האָט גוט געוווסט וועגן יענעמס שוואַכער זייט, האָט אים קיינמאָל נישט גענומען ערנסט. ביי אַזעלכע אומשטענדן איז געווען אוממעגלעך אַ פּרוכפּע־ריקע צוזאַמענאַרבעט פוןביידן אין איין גרופּע. אַזוי ווי איך בין געווען ווייט פון אַט־דער מחלוקת צווישן זיי ביידן, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך מיט יאָרן פריער איידער איך בין געקומען צו דער יידישער באַוועגונג, האָב איך זיך דעריבער מיט ביידן פאַרהאַלטן גוט. באַראָן איז געווען איינער פון די ערשטע יידישע חברים, מיט וועמען איך בין אין לאָנדאָן באַקאַנט געוואָרן. איך פלעג אים אָפט וויזיטירן און אונדזערע באַציונגען זיינען געווען גאָר פריינטלעכע.

ווען די גרופּע „אַרבייטער־פריינד" האָט באַקומען יענעם קלאַפּ, וועלכער האָט אונדז בשעתו געצוווּנגען אָפּצושטעלן דאָס בלאַט, איז באַראָן אינגאַנצן נישט געווען אין לאָנדאָן, נייערט נאָך פון זינט אַ היפּשער צייט צוריק געאַרבעט אין פּיטער־באַרוג. ווען איך און מילי האָבן ביי אים, אויף זיין איינלאַדונג, געמאַכט אַ באַזוך, איז ער געווען פּונקט אַזוי אויפגעטראָגן ווי מיר אַלע צוליב דעם אָפּנאַרן דעם צוטרוי, וועלכער האָט אונדז געשטעלט אין אַזאַ פאַרצווייפלטער לאַגע, און ער האָט נישט געפונען קיין איין גוט וואָרט פאַרן מענטשן, וועלכער איז באַגאַנגען אַזאַ מעשה. דעריבער איז געווען נאָך פיל גרעסער מיין דערשטוינונג, ווען איך האָב געזען, ווי ער איז זיך צונויפגעקומען מיט דער זעלביקער פּערזאָן און צוזאַמען מיט אים גע־גרינדעט די גרופּע „פרייהייט". דער אומאָנגענעמבאַרער אויפפיר פון דער נייער גרופּע איז טאַקע דעמאָלסט געווען די סיבה, וואָס ס'איז צווישן אונדז ביידן פאָרגעקומען אַ דערווייטערונג, אַן אָפּגעפרעמדקייט, וועלכע איז שוין קיינמאָל נישט צוריק נענטער געוואָרן, ביפּרט נאָך מער צוליב דעם, וואָס ער האָט שפּעטער, אין זיין פאַנאַטישער פאַרבלענדקייט, געזוכט אויך מיך אַריינצוציען אין עינינים, וועגן וועלכע ער האָט געוווּסט, אַז זיי זיינען אויסגעזויגן געוואָרן פון די פינגער.

בּיכדי צו זיין אימשטאַנד ווי געהעריק צו פאַרשטיין יענע טרויעריקע פּאַסי־

רונגען, מוז מען זיין באַקאַנט מיט באַראַנס אייגנאַרטיקן כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט. באַראַן האָט מיט דער צייט נישט געקאָנט אויסקומען מיט קיין איינעם פון די אַקטיווע חברים אין לאָנדאָן. געגומען האָט זיך עס פון דער צווייעגדיקייט פון זיין גאַנצער וועזנטלעכקייט, וועגן וועלכער ער האָט זיך מיסתמא קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון. ער האָט נאָך פריער געהאַט פּראָוואָצירט מיט יאַנאָווסקין אַ שאַרפע קריגעריי, ווייל יאַנאָווסקי האָט געקוקט אַנדערש ווי ער און אַנדערע אויף די טעראָריסטישע אַטענטאַטן אין פראַנקרייך. אַז יאַנאָווסקי האָט געהאַט דאָס נעמלעכע רעכט צו פאַרטרעטן זיין באַנעם און קוק, וועלכע זיינען געקומען פון זיין אינערלעכסטער איבערצייגונג, — דאָס האָט ער, קאָנטיק, נישט געקאָנט באַגרייפן. און אזוי ווי ער האָט זיך ביים אָפּקלייב פון זיינע מיטלען נישט שטאַרק גענומען צום האַרץ קיין שום מאָראַלישן אָפּהאַלט, האָט יענע מחלוקה אָנגענומען אַזאַ כאַראַקטער, וועלכער האָט יאַנאָווסקין, וועלכער האָט שוין אויך אָן דעם געהאַט צו קעמפן מיט אומגעהייערע שוועריקייטן, פאַרמיאוסט יעדע וויטערדיקע אַקטיוויטעט אין לאָנדאָן און איז געווען צווישן די הויפּט־סיבות, וואָס האָבן אים באַוויגן צוריקצופאָרן קיין אַמעריקע. אָט־די שאַרפע אומטאָלעראַנץ פון זיין טעמפּעראַמענט איז געווען די סיבה, וואָס באַראַן האָט זיך שפּעטער אויך אַרומגעריסן מיט וועסן, קאַפּלאַנען, פרומקינען און אַנדערע. ער פלעגט האָבן פון צייט צו צייט אַזעלכע מינים אַטאַקעס פון גרימצאָרנדיקייט. ער פלעגט מיטאַמאָל באַהערשט ווערן פון אַזאַ מין ברויזנדיקן פאַרלאַנג צו זיין טעטיק, אַז ער איז געווען אימשטאַנד אַרויסצוגעבן פון זיך אַ דערשטוינלעכע ענערגיע. אָבער נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעשאָסן זיין פּולווער, פלעגט ער ווידער אַריינפאַלן אין פולשטענדיקער אַפּאַטיע.

באַראַן האָט געהאַט אייניקע גוטע אייגנשאַפטן, מיט וועלכע ער האָט געקאָנט געווינען עמעצן פאַר זיך. זיין גאַסטפריינטלעכקייט לגבי פריינט, מיט וועלכע ער האָט זיך געהאַלטן גוט, איז געווען אומבאַגרענעצט. ס'איז אויך נישט פאַראַן דער מינדסטער ספק, אַז ער איז געווען געטריי און איבערגעגעבן צו זיין אידעאַל. אָבער זיין צו שטאַרקע אַמביציעזישקייט און עקשנותדיקייט האָט גורם געווען, אַז דער רוב פון זיינע פריינטשאַפטן האָבן נישט געקאָנט אָנהאַלטן לאַנג. פונקט ווי צעזאַר האָט בעסער געוואָלט זיין אין זיין דאָרף דער ערשטער אידער דער צווייטער אין רוים, האָט אויך באַראַן זיך געיאָגט צו שפּילן אַ ראָל, צו וועלכער ער איז, צום באַדויערן, נישט געווען פעיק. ער איז, אָן ספק, געווען אַן אינטעליגענטער אַרבעטער, וועלכער האָט זיך דורך אַלייניקן לערנען איינגעשאַפט היפּשע קענטענישן, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין געגוגנדיקע געדולד צום אמתן און גרינטלעכן שטודיום. ער האָט אויך נישט געהאַט קיין שעפערישע פעיקייטן, ביכדי ווי געהעריק אַרויסצוברענגען דאָס, וואָס ער האָט שוין יאָ געוווסט. ווי אַ רעדנער איז ער געווען ווייט־ווייט אין פאַרגלייך צו קאַפּלאַנס פעיקייטן, און אין אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער אַרויסגעבראַכט אַזאַ פאַנאַטישע איינזייטיקייט אינעם באַנעם פון זאַכן, וועלכע איז אפשר נישט געבליבן אָן אַ ווירקונג אויף אומדערפאַרענע יונגעלייט, אָבער איז נישט געווען מסוגל צו איבערצייגן מענטשן מיט אַ רייכערן בליק אויפן לעבן. צום שרייבן

האָט ער לגמרי נישט געהאַט קיין טאַלענט. ער האָט דאָס מיסתמא אַליין אויך גע־פילט, מחמת ער איז געווען זייער קאַרג אין זיינע שריפטלעכע פּרווון.

אַפילו פּערזענלעכע אַמביציע קאָן צומאָלס זיין פּרוכפּעריק, ווען זי שטיצט זיך אויף גוטע פעיקייטן און גייט נישט אַריבער געוויסע גרענעצן. אַזוי ווי אָבער ביי באַראָנען, איז די אַמביציע צו פיגורירן געשטאַנען אין אַן אומגעקערטן פאַרהעלטע־ניש צו זיינע אמתע קענטענישן און ער האָט נישט געקאָנט האָפן אַריבערצושטייגן די אויפטוען פון אַזעלכע מענטשן ווי יאַנאָווסקי, קאַפּלאַן און אַנדערע, האָט זיך ביי אים אַנטוויקלט אַ קראַנקהאַפטיקע נייגונג שטענדיק צונישטצומאַכן און אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט די אַקטיוויטעט פון די אַנדערע מיט דער נאַרישער און פאַלשער איינרע־דעניש, אַז דערמיט וועט ער אַליין קאָנען געווינען גרעסערע חשיבות. אין אַ באַ־וועגונג, ווו די שעפערישע כוחות זיינען געווען אַזוי קליין אין צאָל, האָבן אָט־די כסדרדיקע פּרווון צו דיסקרעדיטירן ערלעכע און צו זייער אידעאַל געטרייע איבער־געגעבענע חברים, געמוזט געפילט ווערן טאָפּלט אומאַנגענעם, ביפרט, ווען זיי פלעגן שטענדיק קומען פון דערזעלביקער פּערזאָן. באַראָן, וועלכער פלעגט תמיד שטור־מען קעגן „געטער" און „אויטאָריטעטן" און זיך פילן ווי ספּעציעל אַוועקגעשטעלט אויסצוהיטן און צו באַפרייען פון זיי די באַוועגונג, איז דאָך אויך אין זיין סאַמע תוך געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ שטאַרק אויטאָריטעטער און דיקטאַטאָריש־געניי־טער כאַראַקטער, וועלכער האָט קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן יענעמס מיי־נונג און תמיד נאָר געזוכט חסרונות ביי יענעם, וועלכע זיינען אייגנטלעך געווען זיינע אייגענע חסרונות. וואָלט ער זיך געווען באַנוצט מיט דערזעלביקער מאָס. מיט וועל־כער ער האָט זיך מיט אַזאַ שטרענגקייט באַנוצט לגבי אַנדערע, אויך צו זיך אַליין, פון צייט צו צייט לפּחות, דעמאָלסט וואָלט זיין אַקטיוויטעט בלי שום ספק געהאַט געווען פיל פּרוכפּעריקער און עס וואָלט דערמיט געווען איינגעשפּאָרט געוואָרן דער באַוועגונג נישט ווייניק גרונטלאָזע, איבעריקע און אומנייטיקע מחלוקה.

ס'איז נישט מעגלעך אין אַ באַוועגונג צו מעסטן אַלע מענטשן מיט דערזעלבי־קער מאָס; מ'מוז נעמען די מענטשן אַזוי ווי זיי זיינען מיט אַלע זייערע גוטע און שוואַכע זייטן. אָן אָט־דער קעגנזייטיקער טאָלעראַנץ איז לגמרי אוממעגלעך יעדע געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענאַרבעט פאַר אַן אידעאַל. נישט פאַראַן קיין גרעסערע צרה ווי פּערזענלעכע גאַוודיקע איינרעדעניש, וועלכע זוכט שטענדיק דעם שפּליטער אין יענעמס אויג און זעט נישט דעם באַלקן אינעם אייגענעם. און דווקא דאָס האָט באַראָן קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען און אַזוי האָט ער תמיד געמוזט פונדאָסניי איבערלעבן, אַז די קליינע צאָל מענטשן, וועלכע ער האָט פון צייט צו צייט באַוויזן צו גרופּירן אַרום זיך, זאָלן אים פריער אָדער שפּעטער איבערלאָזן און זיך פאַרנעמען אויף זייערע אייגענע וועגן. וואָס ער האָט לגמרי נישט געהאַט, איז געווען זעלבסטקריטיק. ער האָט תמיד געוואָלט זיין גערעכט. די אַנדערע — שטענדיק אומגערעכט. פאַר זעלבסטקריטיק דאַרף מען לכל הדעות האָבן אַ פיינעם הומאָר, וועלכער קאָן לאַכן נישט נאָר פון אַנדערע, נייערט אויך פון זיך אַליין. באַראָן איז אָבער געווען אַ מענטש לחלוטין אָן הומאָר, וועמען די געטער האָבן ביי זיין געבוירן ווערן נישט מיטגעגעבן

אַפילו אַ פונק פון יענער זעלטענער גאָב. דאָס איז פאַר אים געווען אפשר דאָס גרעסטע אומגליק. וואָרן ווו ס'פעלט הומאָר, פאַרפונדעוועט זיך לייכט די נייגונג אַלץ צו פאַרוואַרפן. אַזוי אַרום איז ער אין עצם געווען נישט עפּעס אַנדערש, ווי אַ טראַגישע פיגור, וועלכע איז טאַקע געוואָרן זיין אייגענע גורלדיקע טראַגעדיע.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די באַוועגונג האָט זיך שטאַרק צעוואַקסן, האָבן אונדז אַזעלכע שטיק נישט שטאַרק געאַרט, מחמת דער רוב חברים האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי זיי אָפּצושאַצן און צו ציען דערפון זייערע הנחות: אָבער ווען מיר האָבן אין פעברואַר 1901 באַנייס אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד“, איז דער עיִנין געווען גאַנץ אַנדערש. מיר זיינען דעמאָלסט געווען אָנגעוויזן אויף יעדן איינעם, און די אומגליקלעכע קריגעריי, וועלכע באַראָן און זיינע אָנהענגער האָבן דעמאָלסט אָן יעדן מאָטיוו און אָן יעדן געפיל פאַר גערעכטיקייט פּראָוואָצירט, האָט געמוזט האָבן אַן אומגליקלעכע ווירקונג אויף דער גאַנצער באַוועגונג, וועמעס מערכה איז פּונקט דעמאָלסט געהאַט דערגאַנגען צום אויסערגעוויינלעך־שווערן קריטישן צו־שטאַנד צוליב די שוין פריער דערמאָנטע אַלגעמיינע סיבות. נאָכדעם ווי מיר האָבן אַרויסגעגעבן פערצן נומערן פונעם בלאַט ביי אומבאַשרייבלעך־שווערע אָנשטרענ־גונגען, זיינען מיר ווידער געצוווּנגען געווען אָפּצושטעלן זיין דערשיינונג. דאָס מאָל האָט עס גענומען צוואַנציק חדשים, ביז דער „אַרבייטער־פריינד“ האָט ווידער געקאָנט אָנהייבן אַרויסגיין, אָבער פון דעמאָלסט אָן איז דאָס בלאַט געווען אימשטאַנד אַרויסצוגיין כסדר אומאיבערגעריסן במשך פון אַלע יאָרן, ביז ס'איז בשעת דער ערשטער וועלט־מילחמה געמאַכט געוואָרן אַ געוואַלטזאַמער סוף צו זיין עקזיסטענץ.

איך וויל ביי דערדאָזיקער געלעגנהייט בשום אופן נישט פאַרשווייגן, אַז די גרופּע „פרייהייט“ האָט דער אַלגעמיינער באַוועגונג געטאָן אַ גאַר גרויסע טובה דורכן אַרויסגעבן אַ היפּשע צאָל גוטע פּראָפּאַגאַנדע־בראָשורן. ס'וואָלט געווען אומגערעכט, דאָס צו פאַרלייקענען. צוליב דעם טאַקע האָבן מיר דער נייער גרופּע געגעבן פּלאַץ אינעם „אַרבייטער־פריינד“ אָן שוועריקייטן, פּונקט ווי יעדער אַנדערער גרופּע. וואָלט יענע נוצלעכע און ווערטפולע אַרבעט נישט געווען געשטערט געוואָרן דורך אַזוי פיל צוועקלאָזער פאַרביטערונג און שעדלעכע איינפלוסן, וואָלט זי זיכער געווען געהאַט אַ פיל גרעסערע הצלחה און געווען אַרויסגערופן פיל מער צופרידנקייט ביי אַלעמען. חוץ דעם וואָלט דידאָזיקע אָנערקענונגסווערטע אַרבעט געווען געקאָנט האָבן אַ פיל בעסערע ווירקונג, ווען זי וואָלט געווען געמאַכט געוואָרן מיט אַ בעסערער פאַרשטענדעניש. כל־זמן די אַרויסגעבער האָבן זיך באַנוגנט מיט אַרויסגעבן די אַרבעטן, וועלכע זיינען פריער געהאַט געדרוקט געוואָרן אין אונדזערע צייטונגען, איז דער עיִנין געווען פאַרהעלטעניש־מעסיק לייכט. ווען זיי האָבן זיך אָבער איינ־געשטעלט אַרויסצוגעבן אין יידיש קראָפּאָטקינס „מעמואַרן פון אַ רעוואָלוציאָנער“ בויגנוויז, איז דערפון אַרויסגעקומען אַ פאַרזעעניש. מ'האָט אייגנוויליק און אָן יעדן פאַרשטענדעניש אויסגעלאָזט כימעט אַ העלפט פונעם ווערק און אַזוי אַרום איז צעפּאַטערט געוואָרן איינס פון די גרעסטע ווערק פון אונדזער מאָדערנער מעמואַרן־ליטעראַטור, אַז ס'האָט כימעט נישט געהאַט קיין ענלעכקייט מיטן אָריגינאַל.

יענע איבערזעצונג איז דעמאָלסט געמאַכט געוואָרן פון חבר מיכאל קאָן אין ניו־יאָרק, וועלכער האָט גוט געקענט די יידישע און די ענגלישע שפּראַך. אַזוי ווי איך בין מיט קאָנען געשטאַנען אין באַשטענדיקער שריפטלעכער פאַרבינדונג, האָב איך אים איינמאָל אָנגעפרעגט, ווי אַזוי ער האָט געקאָנט פועלן ביי זיך צו פאַר־קריפּלען אויף אַזאַ אומפאַראַנטוואָרטלעכן אופן אַזאַ פּרעכטיק ווערק. האָט ער מיר אין זיין ענטפער פאַרזיכערט, אַז ער איז אין דעם גאָרנישט שולדיק, ווייל ער האָט איבערגעזעצט יעדע שורה פונעם ווערק. זיינען דאָס, הייסט עס, געווען די אַרויסגעע־בער גופא, וועלכע האָבן געמאַכט יענע אומגליקלעכע אָפּעראַציע איבערן טעקסט פונעם ווערק, ווייל דאָס בוך איז געווען „צו גרויס" פאַר זייער צוועק. אַזאַ אייגנ־וויליקייט קאָן אפשר דערקלערט ווערן מיטן דוחק אין ליטעראַרישער פאַרשטענ־דעניש, אָבער מוחל זיין קאָן מען דאָס נישט. מ'קאָן טענהן, אַז גייסטיק אייגנטום איז נישט קיין מאָנאָפּאָל, אָבער קיינער האָט נישט קיין רעכט עמעצנס אַ ווערק אייגנ־וויליק צו פאַרקריפּלען און אַזוי אַרום פאַרגוואַלטיקן דעם מחברס פּערזענלעכקייט. אָבער וועגן אַזעלכע עינינים האָט מען דעמאָלסט מיט די יונגע חברים פון דער גרופּע „פרייהייט" נישט געקאָנט רעדן, מחמת זיי האָבן פאַר דעם נישט געהאַט קיין שום פאַרשטענדעניש. דער רוב פון דידאָזיקע יונגעלייט האָט דאָס ערשט שפּעטער פאַר־שטאַנען, ווען מיטן ווייטערדיקן לערנען האָט זיך אויסגעברייטערט זייער קוק און באַנעם און זיי האָבן געקאָנט פאַרשטיין דידאָזיקע זאַכן אין ריכטיקן ליכט. בלויז באַראָן האָט דאָס קיינמאָל נישט געוואָלט באַגרייפן און ער האָט אין דער באַרעכטיקטער קריטיק, וועלכע איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן צוליב דעם אויף זיין גרופּע, געזען בלויז די השפעה פון אַ פיינטלעכער שטימונג צו אים. קעגן אַזאַ האַרטנעקיקייט קאָן קיין שום פאַרנונפט גאָרנישט אויפטאָן.

ביכדי נישט צו דאַרפן נאָכאַמאָל אומקערן זיך צו יענעם אומאַנגענעם קאַפּיטל, איז בעסער פאַרויסצולויפן אַביסל דער כראָנאָלאָגישער אַנטוויקלונג און צו פאַרענ־דיקן דאָ מיט דער געשיכטע פון דער גרופּע „פרייהייט". פונקט ווי אין אַלע אָרגאַ־ניזאַציעס, וועלכע באַראָן האָט אין זיין לעבן געגרינדעט, איז אויך אין אָט־דער לעצטער שאַפונג זיינער, אין דער גרופּע „פרייהייט", געקומען ביסלעכווייז צו כסדרדיקע אינערלעכע רייבונגען, אַזוי אַז ער איז געווען געצוווּנגען כסדר צו מאַכן נייע „רייניקונגען" צווישן זיינע אָנהענגער, בעת אַנדערע האָבן פרייוויליק פאַרלאָזן די גרופּע און געזוכט זיך אויסצולעבן אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. לסוף איז אויך געקומען צווישן אים און דעם חבר, וועמעס האַנדלונג איז בשעתו געווען דער ערשטער מאָטיוו צו דער גאַנצער מחלוקה, צו שאַרפע צוזאַמענשטויסן. אַזוי ווי ער האָט געגנוי געוווּסט, אַז באַראָן וויל אים פאַרשטויסן פון דער גרופּע און ער האָט נאָך דערצו געהאַט בדעה אין קורצן צו פאַרלאָזן ענגלאַנד, האָט ער אָנגענומען דעם פּלאַן אויף וועלכן ס'איז אופן צו באַצאָלן פאַר זיין אָפּפאָר דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד" דעם חוב, ביכדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּצורייניקן זיין נאָמען פונעם פלעק, וועלכער איז אויף אים געלעגן. מחמת ער האָט שוין לאַנג געהאַט איינגעזען,

אַז דער אופן, ווי אַזוי די גרופּע „פרייהייט״ האָט דערליידיקט דעם ענין, איז נישט געווען קיין פּאַסיקער אים אַפּצורייניקן פונעם פלעק פאַר זיין באַגאַנגענעם פעלער. פאַר דעם צוועק, האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט זיינע אָנהענגער אין דער גרופּע „פרייהייט״ איבערצוגעבן דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״ אַזוי פיל פון דער שריפט, וועלכע ער האָט איינגעקויפט, אַז דאָס זאָל קאָנען דעקן דעם זיין חוב. ביכדי צו גיין אויף אַ גאַנץ זיכערן וועג, האָט ער באַוויזן אַ געוויסע צאָל יונגע חברים פון אַנדערע גרופּן, אריינצוטרעטן אין דער „פרייהייט״, כדי דאָרט צו פאַרשטאַרקן זיין איינפלוס.

ווען חבר ד. איזאַקאָוויטש, דער דעמאָלסטיקער אַדמיניסטראַטאָר פון דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״, ווען מ׳האָט אינצווישן געלאָזט וויסן וועגן דעם, האָט מיר איבערגעגעבן דידאַזיקע פּרטים, האָב איך זיך אַרויסגעזאָגט שאַרף קעגן דעם, וואָרן מיר איז געווען שטאַרק דערווידער דער אופן, ווי אַזוי דער גאַנצער ענין האָט געזאָלט פאַרענדיקט ווערן. וואָלט יענער אויסגלייך אָנגענומען געוואָרן מיט דער פולער הסכמה פון אַלע מיטגלידער פון דער גרופּע „פרייהייט״, וואָלט נישט געווען גאָרנישט וואָס צו זאָגן קעגן דעם. אָבער אַזוי ווי דער ענין איז איצט באַנייס אַוועק־געשטעלט געוואָרן, וועט עס זיכער נישט ברענגען קיין נוצן. דעם היזק, וועלכן מ׳האָט אונדז דעמאָלסט אָנגעמאכט, האָבן מיר שוין לאַנג געהאַט איבערגעקומען, און הגם מיר האָבן מיט רעכט אָנגעהאַלטן אונדזער טענה צו דער גרופּע „פרייהייט״ וועגן חוב, האָב איך אָבער געהאַלטן, אַז ס׳לוינט נישט די מי זיך איינצושאַפן גערעכטיקייט אויף אַזאַ אופן.

אָבער איזאַקאָוויטש און די מערהייט פון דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״ האָבן געקוקט אויפן ענין בלויז פון שטאַנדפּונקט פון רעכט, וואָס די גרופּע האָט געהאַט אויפן צוגענומענעם געלט. און אַזוי ווי די גרופּע „פרייהייט״ האָט קיינמאָל נישט געפּרווווט צו דערגיין צו אַ לאָגישן אויסגלייך אינעם פאַרדריסלעכן ענין, האָבן זיי נישט געוואָלט פאַרלירן די געלעגנהייט און באַשלאָסן זיך צו נעמען גערעכטיקייט מיט דער אייגענער פויסט. האָט טאַקע פּאַסירט, אַז אין איינעם אַן אָוונט זיינען יענע מיטגלידער פון דער גרופּע „פרייהייט״ אַוועק אין זייער דרוקעריי און דאָרט צוגע־נומען אַזוי פיל שריפט און אַנדערן דרוק־מאַטעריאַל, וויפל זיי האָבן באַטראַכט פאַר גענוג צו דעקן יענעם אַלטן חוב. מ׳קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן די איבערראַשונג, וואָס איז געקומען נאָך יענער עקספּראָפּריאַציע פון די עקספּראָפּריאירטע. באַראָן און זיינע אָנהענגער האָבן אויפגערודערט הימל און ערד, ביכדי צוריקצובאַקומען דאָס „אייגנטום״ פון דער גרופּע, אָבער זיי האָבן זיך געמוזט באַגנוגענען מיטן ענטפער, אַז מ׳וועט זיי אומקערן ביז צום לעצטן אות, אויב זיי וועלן באַצאָלן דעם חוב צו דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״. דער ענין האָט דעמאָלסט פאַרנומען איניקע פאַר־זאַמלונגען, צו וועלכע ס׳זיינען אויך צוגעצויגן געוואָרן די חברים וולאַדימיר טשער־קעסאָף און עריקאָ מאַלאַטעסטאַ, אָבער ס׳האָט סיי־ווי נישט געקאָנט קומען צו אַ נייעם אויסגלייך. טשערקעסאָף, וועלכער האָט דורך זיינע באַציונגען מיט דער יידישער באַוועגונג, געוווסט גענוי וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך און איז געווען גרינטלעך באַקאַנט מיט די אינערלעכע סיבות פון דער גאַנצער מחלוקה, האָט זיך געשטעלט

אויפֿן זעלביקן שטאַנדפּונקט ווי איזאַקאָוויטש, בעת מאַלאַטעסטאַ האָט געהאַלטן, אַז מ׳קאָן נישט פֿאַריכטן איין אומרעכט דורך באַגיין אַן אַנדער אומרעכט.

אַזוי ווי די גאַנצע זאַך איז פֿאָרגעקומען קעגן מיין ווילן, האָב איך זיך נישט באַטייליקט אין די פֿאַרזאַמלונגען. פֿונדעסטוועגן בין איך נאָך היינט מיט דער מיינונג, אַז מיין פֿריינט מאַלאַטעסטאַס באַנעם איז געווען דער ריכטיקער. באַראָן און זיינע אָנהענגער האָבן זיכער נישט געהאַט קיין רעכט אַרויסצוקומען מיט טענות, ווייל צו זיי איז געשען דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן צו אַנדערע. אָבער אויף אַזעלכע עיניִנים קאָן מען נישט תמיד קוקן פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿונעם אַבסטראַקטן רעכט, ניירערט מ׳מוז אויך האָבן אין זין די פּועל־יוצאס, וועלכע וועלן נאָך זיי קומען. אַן דער פּערזענלעכער פֿאַרביטערונג, וועלכע די אומגערעכטיקע האַנדלונג פֿון דער גרופּע „פֿרייהייט״ האָט גורם געווען, וואָלטן די שפּעטערדיקע פּאַסירונגען געווען לגמרי אומדענקבאַר. פֿון אַ באַגאַנגענעם אומרעכט קאָן טאַקע קיינמאָל נישט אַרויסקומען עפּעס לייטישס, כּל־זמן מענטשן שטייען פֿאַרעקשנט אויף אַ פֿאַלשן שטאַנדפּונקט און דערגייען נישט צו אַן אויסגלייך פֿון אייגענעם אימפּולס.

יענער שטורעם אין אַ גלאָז וואַסער, וועלכן דער איבערגעגעבענער עפּיזאָד האָט אויפֿגערירט, איז אויך גאַנץ שנעל אַריבער. די באַוועגונג האָט זיך אין יענער צייט שטאַרק אויסגעשפּרייט. פֿון די זיבעצן גרופּן, וואָס האָבן דעמאָלסט עקזיסטירט אין לאָנדאָן, האָבן זיך זעכצן צונויפֿגענומען אין אַ פֿעדעראַציע און שטענדיק געאַרבעט צווישן זיך אין דער בעסטער האַרמאָניע. בלויז די גרופּע „פֿרייהייט״ האָט די גאַנצע צייט געפֿירט אַ באַזונדערע עקזיסטענץ, ביז ס׳האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ בולטער גענומען אָנזען די אינערלעכע קעגנזעצלעכקייט צווישן אירע מיטגלידער. זי האָט אפֿילו אין משך פֿון אַ געוויסער צייט אַרויסגעגעבן אַן אייגענע צייטונג, „די פֿרייהייט״, וועמעס מאָגערער אינהאַלט האָט אָבער נישט געקאָנט געפֿינען קיין אָנהענגערשאַפֿט. דער רוב פֿון אירע מיטגלידער איז, לסוף, מיד געוואָרן פֿון די אייביקע רייַסערייען און זיי האָבן געזוכט אין אַנדערע גרופּן אַ צופֿרידנשטעלנדיקערע אַקטיוויטעט.

אויך דאָ האָט זיך באַשטעטיקט די אַלטע דערפֿאַרונג, אַז דאָס באַשטענדיקע קריכן אין דער נשמה אַריין און די פּערזענלעכע פֿאַרביסנקייט איז נישט אימשטאַנד צונויפֿצוהאַלטן מענטשן אויף אַ לענגערע צייט. אַזוי אַרום איז די גרופּע ביסלעכווייז זיך געענצלעך צעפֿאַלן, ביז ס׳איז געבליבן בלויז באַראָן מיט אייניקע פֿון זיינע געטרייע חסידים, ווי דאָס האָט מיט אים שוין נישט איינמאָל פּאַסירט. ביז ער האָט באַשלאָסן אָפּצופֿאָרן קיין אַמעריקע, וווּ ער איז מיט אייניקע יאָר שפּעטער, אַן אויסגעמוטשעטער פֿון אַ קראַנקייט, געשטאָרבן.

אַ סך האָבן אים קיינמאָל נישט געוואָלט מוחל זיין זיין אויפֿפֿיר. איך מיין, אָבער, אַז ער האָט זיך גיכער פֿאַרדינט מיטלייד ווי פּאַ״יבל. ער איז זיכער ביז צום סוף געווען איבערצייגט, אַז דער וועג, אויף וועלכן ער איז געגאַנגען, איז געווען דער ריכטיקער. ווער ס׳מיינט צו זיין תמיד גערעכט, יענער טוט זיך אַליין די גרעסטע אומגערעכטיקייט. ער האָט אומעטום געזען שונאים און קעגנער און ער האָט דעריבער קיינמאָל נישט געקאָנט באַגרייפֿן, אַז ער אַליין איז זיך געווען דער גרעסטער שונא.

# פּיאָטר קראָפּאָטקין

דורך מיין טעטיקייט אין דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג האָב איך איצט געהאַט מער געלעגנהייטן זיך צונויפצוטרעפן מיט קראָפּאָטקינען ווי דאָס איז ביז דעמאָלסט געווען דער פאַל, ווייל דער אַלטער האָט תמיד אָנגעהאַלטן גאָר נאָענטע באַציונגען מיט די חברים פון דער מיזרח־זייט. איך האָב אים באַלד נאָך מיין אָנקומען קיין לאָנדאָן געזען און געהערט רעדן אויף אינטערנאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציעס, אָבער פּערזענלעך זיך באַקענט מיט אים האָב איך ערשט אין דער צייט פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, אין יולי 1896, אין יענעם אינטערנאַציאָנאַלן קלוב, וווּ די חברים פלעגן זיך צונויפקומען יעדן טאָג אין משך פון דער וואָך, וואָס דער קאָנגרעס האָט געדויערט. אויך קראָפּאָטקין, וועלכער איז דעמאָלסט געווען נישט מיט אַלעמען אין געזונט, האָט זיך דאָרט אייניקע מאָל באַוויזן. ביי אָט־דער געלעגנהייט בין איך פאַר אים פאָרגעשטעלט געוואָרן דורך בערנאַרד קאַמפּמייער, און ווען מיר האָבן זיך געזעגנט, האָט ער מיך פריינטלעך פאַרבעטן צו קומען צו אים אַהיים אויף אַ באַזוך אויף בראַמלעי, ווען ס'וועט מיר אויסקומען. דאָס איז געווען אין אויגוסט אָדער סעפּטעמבער פון זעלביקן יאָר, ווען איך האָב אויסגענוצט דידאָזיקע פאַרבעטונג און אים באַזוכט צוזאַמען מיט ווילהעלם קאַמפּמייער און ווילהעלם ווערנער. קראָפּאָטקינס פרוי אַליין האָט אונדז געעפנט די טיר פונעם קליינעם פריינטלעכן הייזעלע, וועלכעס די פאַמיליע האָט דעמאָלסט באַוווינט, און האָט אונדז נאָך אַ האַרציקן אויפנעם אַריינגעפירט אין אַן איינפאַכן צימער, וווהין קראָפּאָטקין אַליין איז באַלד אַריינגעקומען און אונדז אָפּגעגעבן אַ וואַרעמען ברוכים הבאים. ס'איז פּונקט געווען די שעה פון טרינקען טיי און סאַשאַ, קראָפּאָטקינס רירעוודיקע טאָכטער, האָט פּונקט געהאַלטן ביים גרייטן צום טיש. נאָך אַ לייכטן איבערבייס זיינען מיר אַוועק אין קראָפּאָטקינס אַרבעטצימער. די ווענט פונעם איינפאַכן, אָבער גרויסן צימער, זיינען געווען פאַרלייגט מיט ביכער ביז צו דער סטעליע, בעת דער גרויסער אַרבעטס־טיש איז געווען אָנגעלייגט מיט פּאַפּירן און צייטשריפטן.

נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט, האָט דער אַלטער מיט אַ באַשיימפּערלעכער פרייד אָנגעוויזן אויף אַ בוך, וועלכעס איז פּונקט געלעגן פאַר אים. דאָס איז געווען אַ זעלטענע אויסגאַבע פון זשאַן פּאָל מאַראַטס, וועלכע איז דערשינען אין ענגלאַנד אין יאָר 1774. ער האָט אונדז דערציילט, אַז אַ פריינט אין עדינבורג

האָט אים צוגעשיקט דאָס בוך מיט אַ ווידמונג, אַ מתנה. „אַ פיינער קאָפּ, דערדאָזיקער אַזוי שטאַרק פאַרשריגענער מאַראַט״, — האָט ער געזאָגט. „צווישן אַלע פערזענלעכ־קייטן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז ער, בלי ספק, איינער פון די באַדייטנדיקסטע דענקער, וועלכער האָט געהאַט אַ וויטערן פּאָליטישן אויסקוק און אַ טיפערע איינזעעניש ווי ראָבעספּיער און אַלע זיינע נאָכגייער צוזאַמענגענומען״.

דער שמועס איז באַלד אַרויפגעקומען אויף דער פּאָליטישער לאַגע אין דייטש־לאַנד און אויף דער דאָרטיקער יונגער פרייהייטלעכער באַוועגונג, פאַר וועלכער קראָ־פּאָטקין האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן אינטערעס, ווייל לויט זיין מיינונג איז אייראָ־פּעס צוקונפט געווען אָפּהענגיק פון דייטשלאַנדס אינערלעכער אַנטוויקלונג. קראָ־פּאָטקין האָט שוין דעמאָלט מורא געהאַט פאַר דער סכנה פון אַן אייראָפּעישער מילחמה, וואָרן די אויסערלעכע פּאָליטיק פון דער קייזערלעכער רעגירונג אַרבעט אוממיטלבאַר אַזוי, אַז ס׳זאָל קומען צו דעם, און די אַנדערע גרויסע מלוכות זיינען צוליב דעם געצוווּנגען צו גיין אין דיזעלביקע דרכים. דער „באַוואָפנטער פרידן״, האָט ער געהאַלטן, קאָן לאַנג נישט אָנהאַלטן און די מיליטערישע אַליאַנצן, דורך וועלכע מ׳איז כלומרשט אויסן זיך צו באַשיצן, קאָנען גיכער זיין אַ פאַקטאָר אונטער־צויאָגן דעם אויסברוך פון די אָפענע מילחמה־אַקציעס. זאָל עס אָבער קומען צו מילחמה, מוז דאָס בלי שום ספק דערפירן צו אַ גרויסער גייסטיקער רעאַקציע און מיסתמא אויך דערצו, אַז מ׳זאָל מוזן אויפגעבן די בעסטע דערגרייכונגען אין איי־ראָפּע, אפילו ווען דייטשלאַנד זאָל האָבן אַ מפּלה. נאָר אַן אינערלעכער אומבייט פון די פּאָליטישע און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן אין דייטשלאַנד גופא וואָלט געקאָנט פאַרהיטן אייראָפּע פון דער דראָענדיקער קאַטאַסטראָפע.

אָבער פאַר דעם איז דעמאָלט נישט געווען דער מינדסטער אויסקוק. דער האַלב־אַבסאָלוטיסטישער רעזשים אין דייטשלאַנד האָט אויסגעזען אינערלעך צו זיין מער פאַרפונדעוועט ווי יעדע אַנדערע מלוכה אין אייראָפּע, מחמת ער האָט נישט געדאַרפט מורא האָבן פאַר קיין שום ערנסטער אָפּאָזיציע. דאָס דייטשע בירגערטום האָט נישט געהאַט קיין רוקנביין און איז נאָך דערצו געווען באַווירקט פון שטאַרקע אימפּעריאַליסטישע השפּעות; וואָס שייך דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע און צוזאַמען מיט איר דער גרעסטער רוב פון דער גאַנצער דייטשער אַרבעטערשאַפט איז עס געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ ריז אויף ליימענע פיס, וועלכער האָט נישט גע־קאָנט ביישטיין קיין שום ניסיון.

קראָפּאָטקין איז געווען זייער גוט באַקאַנט מיט דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד. ער האָט זיך דעריבער נישט געמאַכט קיין צו גרויסע אילוזיעס וועגן דעם איינפלוס פון דער דאָרטיקער קליינער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, ווייל ער האָט צו גוט געוווּסט, מיט וואָס פאַראַ שוועריג־קייטן זי האָט דאָרט געהאַט צו קעמפן. ער האָט דעמאָלט אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק, וועלכער האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט אין מוח און וועמעס אמת ס׳איז מיר שפּעטער־צו געוואָרן אַלץ קלאָרער און דייטלעכער. אין די לאַטייניש לענדער, האָט ער געמיינט, איז דער אַנאַרכיזם דער נאַטירלעכער רעזולטאַט פון אַ גרויסער

אידעאָלאָגישער שטרעמונג, וועלכע איז אַרויסגעקומען פונעם קאַמף קעגן דעם פירשטלעכן אַבסאָלוטיזם און זיך דערהאַלטן אין די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פונעם פאָלק; אין דייטשלאַנד אָבער שטעלט מיט זיך דער אַנאַרכיזם פאַר בלויז אַ נייע אַרט אינעם דענקען, וועלכעס איז אין אַ שרייענדיקער סתירה צו די אויטאָ־ריטערע טראַדיציעס פונעם לאַנד, און ער וועט בלויז ביסלעכווייז באַווייזן זיך צו שאַפן אַ גרעסערן איינפלוס.

קראָפּאָטקין האָט אונדז יענעם אָוונט דערציילט אייניקע דערמוטיקנדיקע פּרטים וועגן זיין באַקאַנטשאַפט מיט עמיל ווערנער און אויגוסט ריינסדאָרף, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקאַנט פּערזענלעך אין דער שווייץ, און וועגן דעם אַרויסגעבן די „אַר־בייטער־צייטונג" אין בערן (1876—77), דעם ערשטן מאָדערנעם אַנאַרכיסטישן בלאַט אין דער דייטשער שפּראַך, ווו ער און פאַל ברוס האָבן רעגלמעסיק מיטגעאַרבעט.

פון זינט יענעם ערשטן באַזוך בין איך מיט קראָפּאָטקינען כסדר געשטאַנען אין נאָענטע פאַרבינדונגען ביז צו זיין אָפּפאָר קיין רוסלאַנד. אָבער דער ערשטער איינדרוק, וואָס איך האָב דעמאָלט פון אים באַקומען, איז געבליבן אומפאַרענדערט. ווער ס׳ווערט באַקאַנט מיט דער גייסטיקער טעטיקייט פון אַ באמת גרויסן מענטש און באַנעמט די פולע באַדייטונג פון זיין אויפטו, יענער טראָגט זיך אָפּט אַרום מיטן פאַרלאַנג זיך מיט אים צו באַקענען פּנים אל פּנים. דערביי פּאַסירט אָפּט, אַז די דערפילונג פון אָט־דעם נאַטירלעכן פאַרלאַנג אַנטשפּרעכט נישט תמיד די אינערלע־כע דערוואַרטונגען; דאָס קאָן קומען דערפון, וואָס אָט־די דערוואַרטונגען זיינען פון לכתחילה געווען צו גרויסע. ביי קראָפּאָטקינען איז דאָס נישט דער פאַל. ווענען ס׳איז באַשערט געווען דאָס מזל זיך מיט אים פּערזענלעך נענטער צו באַקענען און אים צו האָבן פאַר אַ פריינט, דער איז קיינמאָל נישט אָפּגענאַרט געוואָרן אין זיינע דערוואַרטונגען. וואָס בעסער מ׳האָט אים דערקענט, אַלץ טיפער איז געווען דער איינדרוק, וואָס מ׳האָט באַקומען פון אים. צווישן דעם מחבר פון „קעגנזייטיקע הילף" און דעם מענטש קראָפּאָטקין איז נישט געווען קיין מהלך. אַזוי ווי ער האָט געדענקט און געפילט, אַזוי האָט ער זיך אויך אויפגעפירט אין אַלע פאַזן פון זיין לאַנגן און אינהאַלטסרייכן לעבן. זיך מיט אים צו באַקענען איז געווען דאָס נעמ־לעכע, ווי אים ליב צו באַקומען. די אינערלעכע האַרמאָניע פון זיין גאַנצן מהות איז עס געווען, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן פון זיך אַזאַ וואַרעמקייט; זיין טיפע מענטשלעכקייט, וועלכע אוז תמיד געווען דיזעלביקע און האָט קיינמאָל נישט צוגע־לאָזט דעם מינדסטן צווייפל אין דער ערלעכקייט פון זיין אידעאָלאָגיע. קראָפּאָטקין איז געווען אַ מענטש פון איין שטיק; נישט געווען ביי אים גאָרנישט, וואָס זאָל קאָנען באַטראַכט ווערן ווי פּראָבלעמאַטיש.

אין זיין בוך „דע פּראָפונדיס", וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך די טיפסטע נשמהדיקע יסורים און פּיין, האָט אָסקאַר וואילד דערקלערט: „צו די פולקאָמסטע מענטשלעכע לעבנס, וועלכע איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַאָבאַכטן, באַלאַנ־גען די לעבנס פון ווערלען און פונעם פירשט קראָפּאָטקין". וואַילד, דער צאַרט־פיינפיליקער דיכטער און פּסיכאָלאָג, איז געווען גערעכט. קראָפּאָטקינס לעבן אָן און

פֿאַר זיך האָט געהאַט אין זיך אַזאַ מענטשלעכע גרויסקייט, וואָס איז זייער זעלטן צו געפֿינען. און עס וואָלט סיי־ווי געווען אַ גרויס לעבן, ווען אפילו ער וואָלט קיין־מאָל נישט געווען גאָרנישט אָנגעשריבן. אין דעם איז געלעגן דאָס פֿאַרכאַפּנדיקע פֿון זיין גרויסאַרטיקער פּערזענלעכקייט, דער אינערלעכער כישוף פֿון זיין גאַנצן וועזן. אַלע יענע, וועלכע זיינען געקומען מיט אים אין נעענטערן באַריר, זיינען געשטאַנען אונטערן זעלביקן כישוף. נישט געווען אין אָט־דעם לעבן גאָרנישט, וואָס זאָל קאָנען באַטראַכט ווערן ווי געקינסטלטס, גאָרנישט, וואָס זאָל זיין אויסגערעכנט אויף אויסערלעכן עפֿעקט. אויך געאָרג בראַנדעס זאָגט זיך אַרויס וועגן קראָפּאָטקינען אינעם זעלביקן זין, ווען ער זאָגט:

„ער איז אַ רעוואָלוציאָנער אָן געמאַכטע עפֿעקטן, אָן עמבלעמען. ער האָט זיך אויסגעלאַכט פֿון די שבועות און צערעמאָניעס, דורך וועלכע קאָנספּיראַטאָרס אין דראַמעס און אָפּערעטעס בינדן זיך גופֿא. דערדאָזיקער מענטש איז די פֿאַרקערפּערטע פּשטות. ווי אַ כאַראַקטער האַלט ער אויס יעדן פֿאַרגלייך מיט די גרויסע פֿרייהייטס־קעמפֿער פֿון אַלע לענדער. קיינער איז נישט געווען מער אומאייגננוציק ווי ער, קיינער האָט נישט ליב געהאַט די מענטשהייט מער ווי ער האָט זי ליב געהאַט”.

דאָס איז געווען די סיבה, פֿאַרוואָס איך בין געבליבן מיט אים אַזוי ענג פֿאַרבונדן. יאָ, איך קאָן אַפֿילו רואיק זאָגן, ביז איבער זיין קבר. ער איז געווען און איז געבליבן איינער פֿון די גרויסע געשעענישן אין מיין לעבן, וועמען איך האָב אַ סך געהאַט צו פֿאַרדאַנקען. איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין געצנדינער, וועלכער איז בלינד און טויב פֿאַר די חסרונות פֿון די זעלבסטגעשאַפֿענע אָפּגעטער. וואָס מיך האָט אַזוי שטאַרק צוגעבונדן צו קראָפּאָטקינען, איז געווען זיין מענטשלעכקייט, זיין אומצעטרייסלבאַר געפֿיל פֿאַר גערעכטיקייט, וועלכעס איז בייגעקומען יעדן נסיון. זיין חוש פֿאַר גערעכטיקייט איז נישט געווען קיין אַבסטראַקטער באַגריף, נייערט לעבעדיקער מיטגעפֿיל, וועלכעס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, אין די גרעסטע ווי אין די קלענסטע זאַכן. ער האָט אין זיין לעבן מיסתּמא קיינעם נישט דערנידעריקט. זיין גאַנצער אויפֿפֿיר איז נישט באַשטימט געוואָרן פֿון קיין אויסערלעכן כלל, נייערט איז שטענדיק געווען בהסכּם מיטן אוממיטלבאַרן סענטימענט פֿון זיין גרויסער נשמה, וועלכע האָט געהאַט פֿאַרשטענדעניש פֿאַר אַלץ. איינער פֿון זיינע עלטסטע פֿריינט, סטעפּניאַק (קראַווטשינסקי), האָט אין זיין באַקאַנטן בוך „דאָס אונטערערדישע רוסלאַנד” באַזונדערס אַרויסגעהויבן דעמדאָזיקן עיקרדיקן שטריך קראָפּאָטקינס מיט אָט־די ווערטער: „קראָפּאָטקין איז אַ שטאַרק־אויפֿריכטיקער און פּריימוטיקער מענטש. ער זאָגט שטענדיק דעם ריינעם און לויטערן אמת און ער האָט נישט קיין איינזעעניש נישט מיט דער אייגנליבשאַפֿט פֿון דעם, וואָס רעדט מיט אים, און אויך נישט מיט קיין שום אַנדערער זאַך. דאָס איז טאַקע דער שענסטער און סימפּאַטישסטער שטריך פֿון זיין כאַראַקטער. מ׳מעג בפֿירוש גלייבן אין יעדן איינעם פֿון זיינע ווערטער”.

ווען ס׳איז אין 1914 אויסגעבראָכן די גרויסע וועלט־מלחמה, וועלכע ער האָט אַזוי לאַנג פֿאָרויסגעזען, און אונדזערע וועגן זיינען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען, זיינען

אונדזערע פערזענלעכע באַציונגען דורך דעם נישט באַרירט געוואָרן, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז זיין שטעלונג איז געווען דער רעזולטאַט פון זיין טיפסטער איבערצייגונג, וועגן וועלכער קיינער האָט נישט געקאָנט צווייפלען. ווער פון אונדז ס׳איז דעמאָלט געווען גערעכט, דאָס קאָן קיינער נישט אנטשיידן. איך אליין גיב היינט צו אָן קווענקלעניש, אַז קראָפּאָטקין האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעזאָגט וועגן א סך זאכן פיל ריכטיקער ווי איך און אַנדערע האָבן עס געטאָן. און סוף־כל־סוף איז דאָך אַ מענטשנס אינערלעכע איבערצייגונג נישט קיין זאַך, וועלכע מ׳קאָן מעסטן אויף דער אייל און וועלכע מ׳קאָן אָפּפּאַרטיקן פּשוט און פּראָסט מיטן באַגריף מכוח רעכט אָדער אומרעכט.

קראָפּאָטקין האָט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געליטן פון אַ סך קראַנקייטן, אָבער ער האָט מיר געשריבן אַזוי אָפט ווי נאָר ער האָט געקאָנט און מיר געשיקט ביכער פון זיין ביבליאָטעק אין אינטערנירונגס־לאַגער, ווו איך בין געווען געפאַנגען צוליב מיין דייטשן אָפּשטאַם. דאָס איז פאַר אים נישט געווען קיין לייכטע זאַך, ווייל דער רוב פון זיינע ביכער האָט געהאַט א סך ראַנד־באַמערקונגען, וועלכע ער האָט געמוזט אויסמעקן, ביכדי די צענזור זאָל זיי דורכלאָזן. אין איינעם פון די בריוו, וועלכע איך האָב פון אים דעמאָלט דערהאַלטן, האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז ער האָט דאָס פולע פאַרשטענדעניש צו מיין שטעלונג צו דער מלחמה, ווען אפילו ער קאָן מיט איר נישט מסכים זיין.

„קודם־כל איז עס געווענדט אין דער איבערצייגונג", האָט ער געשריבן. „מ׳טאָר זיך קיינמאָל נישט אַרויסשטעלן פאַר קיין זאַך, וועלכע קומט נישט פונעם טיפסטן האַרץ. אויך צו אָט־דער דאָזיקער מוראדיקער קאַטאַסטראָפע וועט קומען א סוף. וועלן מיר דערנאָך ווידער שטיין בייזאמען, ווי דאָס איז געווען ביז איצט, פאַר דעם גרויסן אידעאַל פון דער מענטשלעכער באַפרייונג, וועלכע איז אונדזער אַלעמענס אידעאַל".

אָט־דידאָזיקע טיפע אויפריכטיקייט פון זיין מחשבה איז אויך געווען צו באַמערקן אין זיינע רעדעס. קראָפּאָטקין האָט נישט באַלאַנגט צו די „גרויסע רעדנער" פון זיין צייט, מחמת ס׳איז אים געווען פרעמד יעדע קינסטלעכע רעטאָריק. אָבער ער האָט געהאַט אין אַ גרויסער מאָס יענעם געהיימנישפולן „עפּעס", וועלכעס קומט פון דער טיפעניש פון דער נשמה און קריצט זיך דערפאַר אזוי טיף איין אינעם געמיט פונעם צוהערער, יענעם „עפּעס", וועלכן נישט מ׳קאָן אים אליין איינלערנען און נישט מ׳קאָן אים אויסלערנען יענעם, ווייל דאָס איז דער טיפסטער אויסדרוק פון דער פּערזענלעכקייט און שטאַמט פונעם אינערלעכסטן מהות פונעם מענטשן.

די נאַטור האָט קראָפּאָטקינען מיטגעגעבן אין זיין וויגעלע אַריין רייכע אוצרות. אָבער דער גרעסטער אוצר איז געווען זיין גרויסע פּערזענלעכקייט, די פּשוטע גרויסקייט און ריינקייט פון זיין כאַראַקטער, די דערהויבנקייט פון זיינע איבערצייגונגען, לגבי וועלכע אפילו דער ביטערסטער קעגנער פון זיין אידעאָלאָגיע האָט זיך געמוזט באַציִען מיט דרך־ארץ. און טאַקע אָט־די שטריכן פון זיין פּערזענלעכקייט האָבן דאָס געבערענגט דערצו, אַז זיינע „מעמואַרן פון אַ רעוואָלוציאָנער" זאָלן פאַררעכנט ווערן צו די באַרימטסטע ווערק פון דער אויטאָביאָגראַפישער ליטעראַטור. ער, וואָס איז

געווען אימשטאַנד צו דערציילן אַזוי פיל אַנציענדיקע און אינטערעסאַנטע זאכן וועגן אַנדערע, ער אַליין פאַרבלייבט שטענדיק אין הינטערגרונט. און ווען ער איז שוין יאָ געצוווּנגען צו רעדן וועגן זיך אַליין, טוט ער עס מיט אַזאַ פשוטער עניוות, וועלכע ווירקט ממש אנטציקנדיק.

קראָפּאָטקין איז קיינמאָל נישט געווען דער מענטש פונעם „גאָלדענעם מיטל־וועג", וועלכער אָריענטירט זיך לויט דעם, וווּהין ס'בלאָזט דער ווינט. אים איז געווען לגמרי פרעמד די גלייכגילטיקייט צו מענטשן און זאכן. ער האָט אָבער אויך אין דערזעלבער צייט געהאַט א טיפע מענטשלעכע פאַרשטענדעניש פאַר די שוואכקייטן פון די אַנדערע, בתנאי אויב הינטער זיי באַהאַלטן זיך נישט אויס קיין אומערלעכע מאָטיוון. נאָך היינט דערמאָן איך זיך אַ שמועס מיט אים וועגן אַן אלטן פריינט, וועלכער האָט געשפּילט א ראָל ווי איינער פון די הויפּט־אָנגעקלאָגטע צוזאמען מיט אים אינעם באַרימטן ליאָנער פּראָצעס (1883). דערדאָזיקער פריינט איז אָבער נאָכן באפרייט ווערן פון תפיסה אַריינגעפאַלן אין א טיפן סקעפּטיציזם. „איך באַדויער אים פונעם גאַנצן האַרץ, האָט דער אַלטער געזאָגט: „סקעפּטיציזם איז די התחלהדיקע פאַרטעמפּונג פונעם געוויסן, אַ שלאַפקייט, וועלכע איז בדרך כלל אין רוב פאַלן אומהיילבאַר. אָבער ער האָט אונדז געגעבן דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געהאַט, און דערפאַר דאַרפן מיר אים זיין דאַנקבאַר". אָט־די פשוטע, פון טיפן פאַרשטענדעניש דורכגעדרונגענע ווערטער, וועלכע האָבן אַפילו נישט געלאָזט אויפקומען קיין שום פאַרוווּרף, האָבן אויף מיר געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, אַז איך האָב זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. נאָר אַ באמת גרויסער מענטש איז געווען אימשטאַנד זיך אַרויסצוזאָגן וועגן מענטשן און זאַכן אַזוי ווייט פון יעדן פאָרורטייל און אָן יעדער פּערזענלעכער פאַרביטערונג, צו וואָס דער בלינדער פאַרטיי־אינטערעס איז לחלוטין נישט פעיק .

קראָפּאָטקין איז נישט בלויז געווען איינער פון די גרויסע דענקער פון זיין צייט; ער איז אויך אַוועק א סך ווייטער פאַרויס פון זיין עפּאָכע און ער האָט אויך איינגעזען די אינערלעכע שייכותן פון דער מענטשלעכער קולטור בעסער און טיפער ווי דער רוב פון די מענטשן פון זיין צייט. זיינע ווייט־פאַרצווייגטע קענטענישן ווי אַ געאָגראַף, היסטאָריקער, עקאָנאָמיסט און סאָציאַל־פילאָזאָף זיינען געווען איבעראַשנדיקע און אים געמאַכט פעיק אָנצושרייבן א צאָל ווערק, וועמעס ווערט וועט פאַרבלייבן אומשטאַרביק, ווייל זיי האָבן זיך געשטיצט נישט אויף קיין אבסטראַקטע השערות און הנחות און נישט אויף פון פאָרויס אָנגענומענע דענק־פאָרמולעס, נייערט אויף ווירקלעכע דערשיינונגען פונעם לעבן און טאַקע דערפאַר זיינען זיי שטענדיקע דערמוטיקונגען צו נייע דערקענטענישן און פאַרשאַרבעטן.

ער האָט אין זיין בוך וועגן „קעגנזייטיקער הילף ווי אַ פאַקטאָר פון אַנטוויקלונג" נישט בלויז גרינטלעך געענדערט דאָס בילד פון דער נאַטור, וועלכעס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער טעאָריע מכוח דעם קאַמף פאַרן קיום, נייערט ער האָט אויך באַוויזן אויף דער אומהאַפטבאַרקייט פונעם באַנעם פונעם אַזויגערופענעם „סאָציאַלן דאַרוויניזם", וועלכער איז אַזוי שטאַרק געווען באַאיינפלוסט פון דער מאַל־

טוסישער טעאָריע וועגן דעם מכלומרשטן געזעץ פון דער פאָלקס־פאַרמערונג, און ער האָט דערמיט אוועקגעשטעלט אין א נייעם ליכט די באַציונגען צווישן מענטש און געזעלשאַפט. זיין בוך „פעלדער, פאַבריקן און וואַרשטאַטן" האָט אונדז נישט נאָר געעפנט נייע פערספעקטיוון וועגן די צוקונפטיקע באַציונגען צווישן אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט, וועלכע מוזן שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דעם איבערבוי פון די סאָציאַלע לעבנספאַרהעלטענישן; ער האָט אויך אָנגעוויזן אויף אייניקע נייע וועגן אין דער מאָדערנער דערציונג דורך א פאַרייניקונג פון פיזישער און גייסטיקער אַרבעט, אָנווייזונגען, וועלכע וועלן נישט פאַרגעסן ווערן. זיין „געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע" האָט צום ערשטן מאָל באַלייכט יענע גרויסע היסטאָרישע תקופה, וועלכע האָט געהאַט דעם שטאַרקסטן איינפלוס אויף דער גאַנצער אַנטוויקלונג, ווי דאָס איז ביז אים נישט געטאָן געוואָרן פון קיין שום אַנדערן היסטאָריקער. דערמיט האָט ער זיכער צוגעטראָגן זיין טייל פאַר דער בעסערער און אַנדערשדיקער אָפּשאַצונג פונעם באַדייט פון גרויסע פאָלקס־באַוועגונגען אין דער געשיכטע, ווי דאָס איז ביז אהער געטאָן געוואָרן.

אָבער דערזעלביקער מענטש, וועלכער איז געווען דער באַהערשער פון אַזוי פיל באַזישע קענטענישן, איז אין זיין באַציונג און אויפפיר געווען דער באַשיידנסטער מענטש, וואָס מ׳קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, און קיינער האָט אין אים נישט געקאָנט באמערקן אפילו קיין סימן פון פרעטענציעזער גייסטיקער העכערקייט. אָט־די פשטות פון זיין פערזאָן, וועלכע האָט זיך געלאָזט מערקן אין אַלע זיינע מעשים, איז נישט געווען קיין פּאָזע און אָנשטעל, נאָר דער נאַטירלעכער אויסדרוק פון זיין אינערלעכן געפיל. ער האָט געמעגט רעדן מיט וועמען ס׳זאָל נישט זיין, — ער האָט תמיד געפונען דאָס ריכטיקע וואָרט, וועלכעס האָט תיכף אַרויסגערופן צוטרוי און באַזייטיקט יעדן געפיל פון פרעמדקייט. ער האָט תמיד גערעדט ווי אַ גלייכער צו גלייכע, זיין וואַרעמע מענטשן־ליבשאַפט האָט שטענדיק גובר געווען יעדן אונטערשיד און נישט געלאָזט אויפקומען קיין דערוויטערונג, קיין פרעמדקייט צווישן אים און אַנדערע. רוסישע דוכאָבאָרן, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטערוועגס אויף זייער רייזע קיין קאַנאַדע, פלעגן אָפּט באַזוכן דעם אַלטן, ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין לאָנדאָן פון רוסלאַנד. אָבער אָט־די פשוטע פויערן, פון וועלכע דער רוב האָט מיסתמא קוים געקאָנט לייענען און שרייבן, האָבן אינעם גאַסטפריינטשאַפטלעכן הויז פון בראָמלעי באַקומען דעמזעלביקן האַרציקן אויפנעם ווי מענטשן פון אַלע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע שיכטן.

ווער ווייסט וויפל פון די אייביקע פראַקטיקער פונעם לעבן, וועלכע רעכענען זיך מיט מענטשן ווי מיט טויטע ציפערן, האָבן קראָפּאָטקינס לויטערע מענטשן־ליבשאַפט אָפּגעשאַצט ווי אַ נאַיוו־פאַלשן אויסטייטש פונעם געפיל און אים באַטראַכט ווי אַן אומפראַקטישן אוטאָפּיסט און טאַקע אַזוי אים געוואָלט אָפּפטרן. אָבער די פראַקטישע דערפאַרונג פונעם לעבן גופא האָט כסדר פונדאָסניי אָנגעוויזן, אַז אָט־דער „הינטער־שטעליקער אוטאָפּיסט" האָט געהאַט אַ פיל טיפערע פאַרשטענדעניש פאַר די ווירקלעכע דערשיינונגען פון די געשיכטלעכע מעשים ווי דער רוב פון די „רעוואָלוציאָ־

בערע רעאַל־פּאָליטיקער״, וועלכע האָבן בלויז איבערגענומען די אומגליקלעכע ירושה פון זייערע בורזשואַזע פאַרגייער און נישט געוואָלט זען די סכנה, פון וועלכער זיי זיינען דערנאָך אליין געווען קרבנות. ביי אַ סך פון זיי זיינען געעפנט געוואָרן די אויגן פאַר אַ בעסערער אינטערפּרעטאַציע, ווען ס'איז שוין געווען צו שפּעט.

צום בעסטן האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן אין זיין באַצייטנסדיקער און שאַרפזיניקער אָפּשאַצונג פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין רוסלאַנד, וועמעס אומפאַרמיידלעכע אויסוויקלונג ער האָט בעסער פאָרויסגעזען ווי אַזוי פיל אַנדערע, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צום באָלשעוויזם און נישט געווען פעיק טיפער אַריינצודרינגען אין דער לאַגע, ביכדי זי בעסער צו פאַרשטיין. ווען קראָפּאָטקין האָט זיך מיט מיר געזעגנט פאַר זיין אָפּפאָרן קיין רוסלאַנד, האָב איך אינסטינקטיוו געפילט, אַז איך וועל אים שוין מער נישט זען. דערדאָזיקער געדאַנק איז מיר אין דער אינטערנירונג געווען טאָפּלט פיינלעך; אָבער ער איז, נישט געקוקט אויף זיין הויכן עלטער, געווען אַזוי האָפערדיק און פול מיט ביטחון, אַז אויך איך האָב זיך צוזאַמען מיט אים געפרייט דערפון, וואָס ער וועט ווידער זען זיין אַלטע היים, וועלכע איז אים געווען אַזוי שטאַרק איינגעבאַקן אין האַרץ.

אָבער אַ שווערער און ביטערער מזל האָט אים דערוואַרט אין רוסלאַנד. די רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיין געבוירנלאַנד באַפרייט פון דורות־לאַנגער קנעכטשאַפט, איז דורך דער באָלשעוויסטישער פאַרכאַפּונג פון דער מאַכט אַלץ מער געטריבן געוואָרן אויפן וועג פון דער דיקטאַטור און אָוועקגעלייגט די ערשטע יסודות פאַר דער טאָטאַליטאַרער מלוכה אין איראָפּע, אַ זריע, פון וועלכער ס'זיינען אויפגעגאַנגען גיפטיקע שפּראָצן און זיך פאַרוואַנדלט אין דער פאַשיסטישער שלאַנג. פּונקט אַזוי ווי ראָבעספּיער און די יאַקאָבינער האָבן דורך דער דיקטאַטור פון דער גיליאָטינע אויסגעלייגט דעם וועג פאַר נאַפּאָלעאָנס שווערד־הערשאַפט, פּונקט אַזוי האָבן אויך לענין און זיינע אָנהענגער אַוועקגעלייגט די פונדאַמענטן פאַר סטאַלינס דעספּאָטיזם, וועלכער האָט ביסלעכווייז פאַרשלונגען אַלע אַנדערע רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען און לסוף אויך די אַלטע פירער פונעם באָלשעוויזם גופא.

קראָפּאָטקין האָט דערזען די סכנה באַלד פון אָנפאַנג. און אַזוי ווי ער האָט נישט באַלאַנגט צו יענע, וועלכע מאַכן שטילשווייגנדיק שלום מיט דער לאַגע אַזוי ווי זי איז, האָט ער געקעמפט מיט אַ מענערישער אַנטשלאָסנקייט קעגן איר, נישט געקוקט אויף זיין הויכער עלטער און אויף דער קראַנקייט, וועלכע האָט געמאַכט אַ תל פון אים. זיין בריוו צו לענינען, אין וועלכן ער טרעט־אַרויס מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין מענטשלעכן געפיל קעגן דעם באַרבאַרישן מעטאָד פון די אַזויגערופענע „לעבעדיקע משכנות״, און באַזונדערס זיין „אויפרוף צו די מערב־איראָפּעישע אַרבעטער״, וועלכן ער האָט אָנגעשריבן אַ געוויסע צייט פאַר זיין טויט און וועלכן מיט באַנפילד האָט מיטגעברענגט מיט זיך פון רוסלאַנד, זיינען געווען זיינע לעצטע אַרויסטרעטונגען קעגן דער טיראַניי, וועלכע ער האָט במשך פון זיין גאַנצן לעבן באַקעמפט. יענער אויפרוף איז היינט שוין כימעט פאַרגעסן געוואָרן, אָבער ער ווייזט מיט איבערראַשנדיקער קלאָרקייט, ווי ריכטיק קראָפּאָטקין האָט שוין דעמאָלט אָפּגע־

שאַצט די אַנטוויקלונג פון די געשעעניש אין רוסלאַנד. דאָס, וואָס ס׳האָבן נישט געקאָנט באַנעמען די גרויסע חכמים פון דער פּאָליטישער רעאַליסטיק, וועלכע דענקען בלויז מיט פאָרמולעס פון טויטע ציפערן און פּוסטע קאָלעקטיווע באַגריפן, דאָס איז אַזאַ אײדעלן מענטשן־פריינט ווי קראָפּאָטקין תיכף קלאָר געוואָרן, ווייל פאַר אים איז דער מענטש תמיד געווען די מאָס פון אַלע זאַכן, אויף וועלכן אַלעס דאַרף קאָנצענט־רירט ווערן און וועלכער קאָן נישט פאַרביטן ווערן דורך קיין אַבסטראַקטער גע־דאַנקען־קאַטעגאָריע.

עדוואַרד בערנשטיין האָט אַמאָל געזאָגט אין איינעם פון זיינע שריפטן, וועלכע איך האָב איצט נישט די מעגלעכקייט נאָכצוקוקן, אַז אַזאַ אויסגעצייכנט ווערק ווי די „קעגנזייטיקע הילף״ האָט געקאָנט האָבן אָנגעשריבן געוואָרן נאָר פון אַ מענטשן, וועלכער האָט געהאַט אַן אַזוי טיף איינגעקריצט פרייהייטס־באַדערפעניש און אַזאַ עטיש באַוווסטזיין ווי קראָפּאָטקין. דאָס איז בפירוש ריכטיק. דער פון געבוירן אָן פאַרוואָרצלטער דראַנג צו פרייהייט איז דאָס טאַקע געווען דער פאַקטאָר, וועלכער האָט באַאיינפלוסט זיין אַרט דענקען און אים באַוויגן זיך גרינטלעכער אָפּצוגעבן און צו פאַרטיפן די טראַדיציאָנעל־איבערגענומענע השערות מיכוח געוויסע טעאָריעס און זיי ריכטיק און ווי געהעריק אָפּצושאַצן אויפן סמך פון די רעזולטאַטן פון דער וויסנ־שאַפטלעכער פאָרשאַרבעט. ווער ס׳קומט בכן מיט דער טענה, אַז קראָפּאָטקין איז אין זיין אַקטיוויטעט אָנגערעגט געוואָרן בלויז פון זיין ווונטש און כוונה, וועלכע האָבן אים געמאַכט זען בלויז דאָס גוטע און אויסצולאָזן דאָס שלעכטע, יענער האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרנומען ערנסט צו דערגריבלען צום סאַמע תוך פון קראָפּאָטקינס אידעענגאַנג. קראָפּאָטקין האָט קיינמאָל נישט נעגירט, אַז ס׳איז אין דער נאַטור פאַראַן אַ געוויסע פאָרעם אינעם קאַמף פאַרן קיום, ווו די פיזישע גבורה פונעם שטאַרקערן שפּילט די אַנטשיידנדיקע ראָל. אָבער ער איז אויך געווען איינער פון די ערשטע, וועלכער האָט קלאָר איינגעזען, אַז נעבן אָט־דעם קאַמף, וועלכער ווערט געפירט מיט ציין און נעגל, איז פאַראַן אַן אַנדער אופן פון אויפהאַלטן דעם קיום, וועלכער קומט צום אויסדרוק דורך דער געזעלשאַפטלעכער פאַראייניקונג פון די שוואַכערע מינים, אינעם מיטגעפיל צו די אַנדערע און אין דער פּראַקטישער אָנווענדונג פון קעגנזייטי־קער הילף. און דווקא איז עס אָט־דערדאָזיקער קעגנזייטיקער הילפס־פאַקטאָר אינעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, וועלכער מאַכט פעיק די פיזיש שוואַכערע צונויפצו־זאַמלען אַ שטאַרקערן כוח און ער באַשירעמט און באַשיצט זיי קעגן דער סכנה פאַר־שטויסן אָדער פאַרשלונגען צו ווערן פון די שטאַרקערע מינים. קראָפּאָטקין האָט געבערענגט אַן אַ שיערביישפילן, ביכדי צו באַווייזן, אַז דווקא אָט־דער צווייטער אויס־דרוק אינעם קאַמף פארן קיום האָט אַ פיל גרעסערן באַטייט סיי פאַר דער דערהאַל־טונג פונעם מין ווי אויך פאַר דער אויפהאַלטונג פונעם יחיד ווי די ריין־פיזישע גבורה. אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, איז בולט אַרויסצוזען פונעם כסדרדיקן רעגרעס פון יענע מינים, וועלכע פּראַקטיצירן נישט קיין געזעלשאַפטלעך צוזאַמענלעבן און זיינען בלויז אָנגעוויזן אויף זייער פיזישער גבורה.

קראָפּאָטקין האָט אויך קיינמאָל נישט אוועקגעשטעלט די באַהויפּטונג, אַז דער

מענטש איז בטבע גוט. אָבער ער האָט אויך מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט אָפּגע־וואָרפֿן דעם היפּוכדיקן באַנעם, וועלכער שטעלט בכיוון אַרויס נאָר די שלעכטע און אַנטיגעזעלשאַפֿטלעכע נייגונגען אין דער נאַטור פֿונעם מענטשן און שטעלט דערמיט אוועק בלויז אַ קאַריקאַטור, אַ צעקרומט בילד פֿון די אמתע פֿאַקטן. ער האָט אָנגעוויזן, אַז דער פֿאַלשער באַנעם האָט זיין יסוד אין דער דאָגמע מכוח דער אורשפּרינגלעכער זינדיקייט פֿונעם מענטשן, וועלכע האָט שטענדיק געדינט ווי אַ רעכטפֿאַרטיקונג פֿאַר די קירכלעכע און וועלטלעכע מושלים, בּיכדי דערמיט אויפֿ־צוהאַלטן די, לויט זיי, פֿון גאָט אַליין גוטגעהייסענע נייטיקייט און ריכטיקייט פֿון זייערע פּריווילעגיעס, קעגן וועלכע זיין עטיש געפֿיל האָט זיך געבונטעוועט. קראָ־פּאָטקין האָט זיין באַנעם באַגרינדעט דורך אַן אומצייליבאַרער צאָל קאָנקרעטע פֿאַקטן, וועלכע זיינען גענומען געוואָרן פֿון די רעזולטאַטן פֿון די ספּעציעלע פֿאָרשונגען אויף אַלע געביטן און וועלכע קאָנען בלויז דורך גייסטיקער קליינקעפּלדיקייט אויסגע־טייטשט ווערן ווי אַן אויסטראַכטעניש, אַ בלויזער ווונטש, פֿון אַ וועלט־פֿרעמדן בעל־החלומות. זיין איבערצייגונג, אַז דער ווערט פֿון יעדער וויסנשאַפֿט קאָן באַשטימט ווערן בלויז דורך איר פּראַקטישער אוממיטלבאַרער אָנווענדונג אויפֿן לעבן פֿונעם מענטשן, האָט אים אויך דאָ געדינט ווי אַ לייטמאָטיוו.

קראָפּאָטקין איז נישט געווען קיין טרוקענער דאָגמאַטיקער, וועלכער באַזירט זיך אויף באַשטימטע אַבסטראַקטע השערות און לויט זיי זאָגט ער זיך אַרויס וועגן דער נאַטור און דעם לעבן פֿונעם מענטשן. קעגן אַזאַ באַנעם האָט אים באַשיצט און פֿאַרהיט זיין פּאָזיציע ווי אַ וויסנשאַפֿטמאַן, וועלכער האָט זיך תמיד געשטיצט נאָר אויף באַשטעטיקבאַרע פֿאַקטן און זיך קיינמאָל נישט אַריינגעלאָזט אינעם לאַבירינט פֿון אומבאַווייזבאַרע באַהויפּטונגען. און אַוודאי האָט ער זיך נישט געהאַלטן ביי הע־געלס און זיינע נאָכגייערס פֿאַטאַליסטישן באַנעם, וועלכע האָבן געזען אין יעדער געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַסירונג אַ „היסטאָרישע נויטווענדיקייט" און אין יעדער אויפֿ־גאַבע, וועלכע מענטשן האָבן זיך געשטעלט, — אַ „היסטאָרישע מיסיע". ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אין דער געשיכטע זיינען פֿאַראַן נישט בלויז אורזאַכן און ווירקונ־גען, נייערט אַז נעבן זיי איז אויך פֿאַראַן אַ לאַנגע און אומאויפהערלעכע שורה קעגנ־זייטיקע באַציונגען, וועלכע ווירקן איינע אויף די אַנדערע, דערגענצן, באַאיינפֿלוסן און פֿאַרשמעלצן זיך און דערגרייכן דערמיט געמיינשאַפֿטלעכע ווירקונגען, וועלכע קאָנען באַנומען ווערן נאָר אין זייערע אינערלעכע שייכותן. ער האָט נישט געגלייבט אינעם אייזערנעם מוז פֿון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, נייערט ער האָט געזען אין די פֿאַרשידענע פֿאָרמען פֿונעם מענטשלעכן צוזאַמענלעבן נאָר מעגלעכקייטן, וועלכע דער מענטש אַליין שאַפֿט און וועלכע ער איז אימשטאַנד צו ענדערן דורך זיין נייער, אַנדערשדיקער גייסטיקער אָריענטאַציע, און איבערמאַכן קאָן ער זיי סיי צום גוטן און סיי צום שלעכטן. אָט דער באַנעם האָט אים געמאַכט פֿאַר אַן אמתן רעוואָלוציאָנערן דענקער, וועלכער האָט אין זיין אויסטייטשן נישט געהאַט גאָרנישט נישט פֿון דער מכלומרשטער פֿון פֿאָרויס באַשטימטער השגחה, וועלכע איז צוגעטראַכט געוואָרן פֿון

די מענטשן, און אויך גאַרנישט פונעם מעטאַפיזישן באַגריף מכוח אַ געצווונגענער, בעל־כרחודיקער סאָציאַלער אַנטוויקלונג.

קראָפּאָטקין האָט נישט געבערענגט דעם מענטשן קיין „אַבסאָלוטן אמת", מחמת ער האָט צו גוט געוווסט, אַז דאָס, וואָס מיר רופן־אָן אמת, ווערט באַשטימט בלויז דורך דער מדרגה פון אונדזער גייסטיקער קענטעניש און בהסכם דערמיט ווי זי ענדערט זיך, ענדערט זיך אויך אונדזער באַנעם פונעם אמת. ער האָט אין דער היס־טאָריע געזען בלויז ריכטונגען און וועגן, אויף וועלכע מ'קאָן זיך אַוועקלאָזן און וועלכע קאָנען אויסגעפורעמט ווערן. נאָר די פּראַקטישע דערפאַרונג קאָן דאָ זיין אַנטשיידנ־דיק און טאָנגעבנדיק, און קראָפּאָטקין האָט זיך מיט איר באַנוצט, כדי זי דעם מענטשן צו לאָזן זען און פאַרשטיין. זיין אָנגעשטרענגטע און לעבנלאַנגע פאַרשאַרבעט אויפן פעלד פון די היסטאָרישע שייכותן האָט אים געלערנט, אַז פעריאָדן פון פאַר־העלטנישמעסיקער פרייהייט זיינען אויסגעפאַלן צום גינציקסטן לטובת דער גייס־טיקער און געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פונעם מענטשן, בעת עפּאָכעס פון האָפּע־נונגסלאָזן דעספּאָטיזם, אומאיבערגעריסענער אפּוטרופּסות און אומבאַשרענקטער ממשלה פון ספּעציעלע אינטערעסן פון קליינע מינדערהייטן האָבן תמיד דערפירט צום אומקום פון יעדער גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער קולטור און גורם געווען דעם אינערלעכן צעפאַל פון יעדער געזעלשאַפטלעכקייט. און ווי וויט ער איז געווען גע־רעכט, גיט אונדז אַן אָנשוילעכע לעקציע די היינטצייטיקע געשיכטע פון די טאָטאַ־ליטאַרע מלוכות, אַ לעקציע, וועלכע מוז איבערצייגן אפילו די בלינדסטע, ביז צו וועלכן תהום פון באַרבאַריע אָט־דער וועג פירט, אויב מ'וועט נישט באַצייטנס קומען צום גראַדן שכל.

און אָט־די לאָגיק טאַקע איז עס געווען, וועלכע האָט דערפירט קראָפּאָטקינען צום אַנאַרכיזם און אים געמאַכט פאַר איינעם פון די באַרימטסטע און אָנגעזעענסטע פאַרשטייער פון דער פרייהייט אויף אַלע געביטן פון דער מענטשלעכער אַקטיוויטעט. מחמת די אינערלעכע האַרמאָניע פון זיין פּערזענלעכקייט איז דאָך באַשטאַנען גראַד אין דעם, אַז ער האָט זיך אויסגעלעבט און אַקטואירט בהסכם מיט זיין אינטערפּרע־טאַציע פון דער פרייהייט הן ווי אַ דענקער, דורך זיינע אידייען, און הן ווי אַ מענטש, דורך זיין פּערזענלעכןביישפּיל. אָבער אָבער אויך די פרייהייט איז פאַר אים נישט געווען קיין אַבסטראַקטער, און טאַקע ראשית־כל — נישט קיין אַבסאָלוטער באַגריף, נייערט אַ צושטאַנד פונעם מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, וועלכער גיט יעדן איינעם די פולע מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען און צו אַנטוויקלען צו דער פולסטער שלימות אַלע זיינע פעיקייטן און כוחות, וועלכע ער האָט באַקומען פון דער נאַטור און פון זיין סאָציאַלער סביבה. און פאַרקומען דאַרף עס אויפן מאָראַלישן יסוד פון אַ קעגנ־זייטיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און סאָלידאַריטעט אין דער טועניש, אָן וועלכן ס'איז נישט מעגלעך קיין לענגערדויערנדיקער און אָנהאַלטנדיקער געזעלשאַפטלעכער באַ־שטאַנד. אויך פאַר אים איז די פרייהייט פונעם מיטמענטשן, ביכדי צו רעדן מיט פּרודאָנס ווערטער, נישט געווען קיין גרענעץ, נייערט אַ באַשטעטיקונג פון דער אייגענער פרייהייט.

פונקט ווי פּרודאָן און באַקונין האָט קראָפּאָטקין אויסגעטייטשט די געשיכטלעכע געשעענישן פון זיין צייט נישט לויטן ענגן קוקווינקל פון באַשטימטע סאָציאַלע ריכטונגען, נייערט בהסכם מיט דער אַלגעמיינער קולטורעלער אַנטוויקלונג, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז פּאַרטייען און סאָציאַלע באַוועגונגען זיינען תמיד בלויז טיילן פון דער מאָמענטאַנער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג און נאָר אַזוי דאַרפן זיי אָפּגעשאַצט ווערן. דעריבער האָט ער געזען אינעם אַנאַרכיזם דעם נאַטירלעכן המשך פונעם גרויסן ליבעראַלן געדאַנקענגאַנג פונעם 17טן און 18טן יאָרהונדערט קעגן דעם פּאָליטישן אַבסאָלוטיזם און זיין פּאַרייניקונג מיט די שטרעבונגען פונעם מאָדערנעם סאָציאַליזם. פון אָט־דעם קוקווינקל דאַרפן אויך אָפּגעשאַצט ווערן זיינע עקאָנאָמישע פּראָיעקטן פאַר די אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן פון אַ שטאַטלאָזער געזעלשאַפט. דידאָזיקע פּאָרלייגן זיינען פאַר אים נישט געווען קיין אָפּגעשלאָסענע, קיין פאַרטיקע זאַך, נייערט בלויז אָנרעגונגען אויפן וועג פון דער סאָציאַלער באַפרייונג, וועלכע דאַרפן פריער פּראַקטיש אויסגעפּרוווט און דורך דער דערפאַרונג פונעם לעבן דערגענצט און פאַרפּילפאַכיקט ווערן, ביכדי זיי זאָלן זיין מסוגל צו דערפילן זייער צוועק. קיין שום זאַך איז פאַר אים נישט געווען אַזוי ווייט און פרעמד, ווי דער געדאַנק צו וועלן אַריינקוועטשן די גרויסע פאַרשידנדיקייט און פילפאַכיקייט פונעם לעבן אין איין באַשטימטן סיסטעם. טאַקע דערפאַר האָט ער באַקעמפט די פּאָליטישע און סאָציאַלע צענטראַליזאַציע אויף אַלע געביטן און ער האָט געזען אין אַ פעדעראַציע פון סאָציאַליסטישע געמיינדעס דעם אייגנטלעכן יסוד פון אַן אומגעהויערער אַנטוויקלונג, וועלכע באַגינציקט אַ נייע פּערספּעקטיוו, איז פאַסיק פאַר פּראַקטישע עקספּערימענטן און צייכנט נישט אָן קיין קינסטלעכע גרענעצן פאַר דער ווייטערדיקער אויסגעשטאַלטיקונג פון די געזעלשאַפטלעכע לעבנס־פאַרהעלטענישן. אויב עמעצער פון זיינע שפּעטערדיקע אָנהענגער האָט געגלייבט צו זען אינעם קאָמוניסטישן אַנאַרכיזם דאָס לעצטע וואָרט פון יעדער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, איז דאָס בלויז אַ באַווייז, אַז זיי האָבן קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען דעם אייגנטלעכן תוך פון קראָפּאָטקינס דאָקטרין און אַז אויך די בעסטע און פרייסטע אידעע איז נישט פאַרפאַנצערט קעגן דאָגמאַטישער פאַרשטייפונג, ווען זי געפינט זיך נישט אין באַשטענדיקער פליסיקייט און באַוועגלעכקייט, ווי קראָפּאָטקין האָט דאָס שטענדיק באַטאָנט.

# אַ יאָר אין לידז

דער שווערער אינערלעכער קריזיס, וועלכן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון איסט־ענד האָט דעמאָלט דורכגעמאַכט, האָט געווירקט פּאַראַליזירנדיק אויף יעדער אַקטיוויטעט. אַ באַזונדערס שווערער קלאַפּ פאַר דער גאַנצער באַוועגונג איז געווען דער אָפּשטעל פונעם „אַרבייטער־פריינד", אַ קלאַפּ, מיט וועלכן מ'האָט נישט געקאָנט לייכט שלום מאַכן. אפילו דער „זשערמינאַל" האָט נישט געקאָנט אויספילן אָט־דעם בלויז, ביפרט, וואָס איך בין צוליב דער אַלגעמיינער אַרומיקער נויט נישט געווען אימשטאַנד אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל רעגלמעסיק און געקאָנט צוגרייטן אַ נייעם נומער נאָר דעמאָלט, ווען ס'זיינען געווען די נויטיקע מיטלען פאַר די הוצאות. די שוואַכע כוחות, וועלכע מיר האָבן דעמאָלט געהאַט, זיינען נאָך דערצו אומניצלעך צעשפּליטערט געוואָרן דורכן אויפקום פון דער גרופּע „פריהייט", וואָס צוליב דעם האָט זיך נאָך די אַלגעמיינע לאַגע פון דער באַוועגונג געמוזט פאַר־ערגערן. דאָס איז געווען די ערגסטע צייט, וועלכע איך האָב דורכגעלעבט, זינט איך בין אַריינגעטראָטן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען מיין פריינט דוד איזאַקאָוויטש האָט מיר און מילין פאָרגעלייגט זיך צו באַזעצן אין לידז און דאָרט אויך אַריבערצופירן דעם „זשערמינאַל". די באַוועגונג האָט דאָרט פון זינט אַ צייט געהאַט אַ גוטן אויפלעב. נאָך לאָנדאָן איז לידז תמיד געווען דער וויכטיקסטער פלאַץ אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון ענגלאַנד. ס'איז דאָרט געווען אַ היפּש שטאַרקער פּראָפּע־סיאָנעלער פאַריין פון די יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין דער באַקלייד־אינדוסטריע, אין וועלכן ס'האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט זיין אַקטיוויטעט אונדזער פריינט לואיס עלשטיין. חוץ דעם האָט דאָרט פון זינט יאָרן שוין עקזיסטירט אַ לעבעדיקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וועלכע איז אין יענער צייט באַדייטנדיק געשטאַרקט געוואָרן דורך אַ היפּשער צאָל פון זייערע חברים, וועלכע זיינען דורכן עקאָנאָמישן קריזיס פאַרוואָרפן געוואָרן אין דער פּראָ־ווינץ. אַזוי ווי מיר ביידע האָבן געפילט אַ דרינגנדיק באַדערפעניש פאַר אַן אומבייט און דער דעמאָלטיקער צושטאַנד אין לאָנדאָן איז געווען אַזעלכער, אַז ער איז נישט געווען מסוגל צו געבן גרעסערע האָפענונגען פאַר דער נאָענטסטער צוקונפט, האָבן מיר באַשלאָסן אָנצונעמען דעם פאָרלייג און אַריבערצופירן אונדזער זשורנאַל

קיין לידז. מיר האָבן פאַרלאָזט לאָנדאָן סוף אָקטאָבער 1901 און אין דעצעמבער פון זעלביקן יאָר האָבן מיר באַוויזן אַרויסצוגעבן אין לידז דעם ערשטן נומער פונעם „זשערמינאַל“.

נאָך די נישט פרײלעכע פּאַסירונגען אין לאָנדאָן האָט דער אויפהאַלט אין לידז געווירקט אָפּפרישנדיק. דער פריינטלעכער קרייז פון די לידזער חברים האָט גע־מאַכט אַ זייער גוטן איינדרוק און דערמאָנט אין אַ גרויסער מישפּחה, אין וועלכער יעדער איינער פירט־דורך זיין באַשטימטן צוועק. אין פאַרגלייך מיט לאָנדאָן איז לידז געווען אַ קליין און אויסערלעך גאָרנישט אָנציִענדיק שטעטל. דערפאַר אָבער איז געווען אויך אַזוי פיל אָנציִענדיקער די באַציִונג פון די חברים צווישן זיך. ווי אין יעדער קלענערער שטאָט האָבן זיך די חברים געזען כמעט יעדן טאָג און זייער גוט פאַרהאַלטן זיך צווישנאַנאַנדער איז נישט געשטערט געוואָרן דורך קיין שום מחלוקה. ס׳איז געווען אין אָט־דעם סימפּאַטישן קרייז אַן אינערלעכע וואַרעמקייט, וועלכע האָט געווירקט דערמוטיקנדיק און אָנגערעגט צו גוטער חברלעכקייט. מ׳האָט דאָ אַלע זאַכן גענומען לייכטער ווי אין לאָנדאָן און די טאָגטעגלעכע באַגעגעניש צווישן זיך האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין דעם, וואָס ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַן אינערלעך גלייכגעוויכט, וועלכעס איז אין די גרויסע שטעט נישט לייכט צו געפינען.

דער גרויסער רוב פון די יידישע סאָציאַליסטן אין לידז האָט זיך געהאַלטן פאַר אַנאַרכיסטן. ס׳איז אָבער אויך געווען צווישן זיי אַ געוויסע צאָל סאָציאַלדעמאָקראַטן, וועלכע האָבן, פונדעסטוועגן, נישט געקוקט אויף די חילוקי־דעות, זיך פאַרהאַלטן זייער גוט מיט די אַנאַרכיסטן. די דערקלערונג פאַר אָט־די נעענטערע באַציִונגען דאַרף מען זוכן אין די עפּנטלעכע פאַרהעלטענישן. די גרויסע מאַסע פון דער יידי־שער באַפעלקערונג אין לידז איז געווען אַ זייער קאָנסערוואַטיווער מין מענטשן און דערצו נאָך אַזוי שטאַרק אומוויסנדיק און הינטערשטעליק, אַז זי איז אָפּט דערגאַנגען צום ברוטאַלסטן פאַנאַטיזם און געסטראַשעט יעדן איינעם, וועלכער האָט זיך אַרויסגעשטעלט קעגן די אַלטע הנהגות און טראַדיציעס. די־דאָזיקע אָרעמע מענטשן האָבן נאַטירלעך נישט געהאַט די פעיקייט צו וויסן אַ חילוק צווישן די פאַר־שידענע ריכטונגען פונעם סאָציאַליזם, און דעריבער האָבן זיי גערודפט מיט אַ בליג־דער פאַרביסנקייט יעדן איינעם אָן אויסנאַם, וועלכער איז געגאַנגען אויף אַנדערע וועגן און זיך געפירט אױף זיין אייגענעם לעבנס־שטייגער. אַזוי אַרום איז עס געקומען צו דעם, אַז די קליינע מינדערהייט פון די יידישע פריידענקער און סאָ־ציאַליסטן פון אַלע ריכטונגען איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ כינעזישער וואַנט פון פאַנאַטישע פאַרגלייבענישן און זי איז דעריבער מער געווען אָנגעוויזן צווישן זיך אויף קעגנזייטיקער באַשיצונג ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין לאָנדאָן.

אין די זומער־חדשים פלעגן די יידישע חברים יעדן שבת־צונאַכטס אָפּהאַלטן עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען אין נאָרט־סטריט־פּאַרק, וועלכע פלעגן דורכשניטלעך זיי־ער גוט באַזוכט ווערן. אין ווינטער אָבער איז שוין דער עינין געווען אַביסל שווע־רער, וואָרן ס׳איז געווען כמעט אוממעגלעך צו קאָנען באַקומען אינעם געטאָ אַ פּאַסנדיקן זאַל. די קליינע צאָל אייגנטימער פון אַזעלכע זאַלן האָבן זיך אויסדריק־

לעד אָפּגעזאָגט צו פאַרדינגען די סאָציאַליסטן זייערע לאָקאַלן, ווייל זיי זיינען געשטאַנען אונטער דער השפעה פון דער יידישער קהילה און זיך נישט געוואָלט אויסשטעלן צו דער סכנה באָיקאָטירט צו ווערן. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון יידישע שניידער האָט אפילו יאָ געהאַט אַן אייגענעם בנין, אָבער אַזוי ווי ער האָט פונקט אין די טעג, ווען מיר האָבן געדאַרפט האָבן אַ דירה, אַליין זיך גענייטיקט אינעם זאַל פאַר זיינע אייגענע צוועקן, האָבן מיר בלויז זעלטן־ווען זיך געקאָנט מיט אים באַנוצן.

ביי אָט־די אומשטענדן האָבן זיך די חברים שוין לאַנג אַרומגעטראָגן מיטן פּלאַן זיך איינצושאַפן אַן אייגענעם קלוב, ביכדי צו קאָנען גובר זיין די אויבנדערמאָנטע שוועריקייטן. איז טאַקע אַ שטיקל צייט נאָך אונדזער אָנקומען דערעפנט געוואָרן דער סאָציאַליסטישער קלוב אין מינוויוד ראָוד, וועלכער איז פון דעמאָלט אָן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטער פון דער פרייהייטלעכער באַוועגונג און געוואָרן אַ היים פאַר די חברים. דאָ זיינען פון דעמאָלט אָן אָפּגעהאַלטן געוואָרן יעדן שבת־צונאַכטס און זונטיק אונדזערע פאַרזאַמלונגען און געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען; אויך אין די אַנדערע אָוונטן האָט דער קלוב געדינט די חברים ווי אַ זאַמלפונקט פאַר פרייע שמועסן און אַנדערע פאַרוויילונגען. ס'האָט זיך טאַקע באַלד אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן מיט דער שאַפונג פונעם קלוב צוגעטראָפן אויפן בעסטן אופן, ווייל אונדזערע פאַרזאַמלונגען זיינען כסדר אַלץ בעסער באַזוכט געוואָרן; אָן ספק, אַז יענער פעריאָד איז געווען דער בעסטער און מזלדיקסטער, וועלכן די באַוועגונג אין לידז האָט ווען־עס־איז געהאַט.

צווישן די לידזער חברים איז דעמאָלט געווען אַ היפשע צאָל אויסגעצייכנטע מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען אַ סך העכער איבערן דורכשניט, נישט בלויז דורך זייער אינטעלעקטועלער רירעווודיקייט, נייערט אויך דורך זייערע ריין־מענטשלעכע כאַראַקטער־שטריכן. אויפן ערשטן פּלאַץ האָבן מיר געהאַט לואיס עלשטיין, וועלכער איז פון זינט אַ סך יאָרן געווען אומדערמידלעך אַקטיוו אין לידז און באַלאַנגט צו די ערלעכסטע און אויפריכטיקסטע מענטשן, וועלכע איך האָב ווען־ס'איז באַגעגנט. עלשטיין איז געווען דער באַקאַנטסטער רעדנער פון אונדזער באַוועגונג אין דער פּראָווינץ און חוץ דעם האָט ער געווידמעט אַ גרויסן טייל פון זיין אַקטיוויטעט דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. ער מיט זיין ברודער שאול האָבן געוווינט צוזאַמען מיט זייער אַלטער מוטער, אַ קלוגע און זעלטענע פרוי, וועלכע האָט אָבער פונדעסטוועגן נישט געהאַט קיין גרויס נחת פון אירע ביידע זינס אידעאַלן. ס'איז מיסתמא אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן אַ גרעסערן חילוק צווישן צוויי ברידער. לואיס און שאול זיינען געווען פאַרשידן, אַנדערשדיק אין אַלץ, וואָס זיי האָבן געטראַכט און געטאָן. לואיס איז געווען אַן אַנאַרכיסט, אָבער ער איז שטענדיק געווען באַווירקט פון מענטשלעכע איינזעעענישן און אָפּשאַצונגען און ער וואָלט קיינמאָל נישט געווען פאַרטיידיקט קיין אומגערעכטיקייט, ווען אפילו דאָס זאָל געווען קומען פון זיינע אייגענע חברים. ער האָט נישט געוווסט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס הינטערוועגעלעך; אַלעס, וואָס ער האָט געטאָן, איז פאַר יעדן איינעם געווען קלאָר און

פאַרשטענדלעך. זיינע געדאַנקען און געפילן האָט מען ביי אים געקאָנט אַראָפּליי־ענען ווי פון אַן אָפענעם בוך. בטבע תמיד אויפריכטיק און גרייט מוחל צו זיין, האָט ער אָבער פיינט געהאַט יעדן מין פאַנאַטיזם און געהאַט אַ פאַרשטענדעניש פאַר יעדער ערלעכער מיינונג, ווען אפילו ער איז מיט איר נישט מסכים געווען. דעריבער האָבן אפילו בפירושע קעגנער געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ און פון אים געהאַלטן ווי אַ מענטש, ווייל קיינער האָט נישט געצווייפלט אין דער אויפריכטיקייט פון זיינע שטרעבונגען.

מיט זיין ברודער שאול איז דאָס געווען גאַנץ אַנדערש. שאול איז לויט זיין אי־דעאָלאָגיע געווען אַ סאָציאַלדעמאָקראַט. אָבער וואָס ס'האָט אים אונטערגעשיידט פון זיין ברודער איז נישט געווען בלויז דער אנדערשדיקער באַנעם וועגן מהות פונעם סאָציאַליזם, נאָר די טיפע, די גרינטלעכע און תמציתדיקע פאַרשידנדיקייט פון זיינע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן און נייגונגען. ווען ביי לואיסן איז אַלעס, וואָס ער האָט געטאָן און געטראַכט, שטענדיק אַרויסגעקומען אָפן, איז אָבער ביי שאולן תמיד געווען צו מערקן אַ געוויסע פאַרביסנקייט, וועלכע האָט נישט געשאַפן קיין גרויס צוטרוי צו אים. דאָס וויל נישט זאָגן, אַז מ'קאָן אים באַשולדיקן אין עפּעס אַ פּער־זענלעכער אומערלעכקייט; פאַר זיין פּערזענלעכן נוצן וואָלט ער מיסתמא קיינמאָל נישט באַגאַנגען קיין אומערלעכע מעשה. אָבער ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אַרויס־צובאַקומען עפּעס אַ נוצן פאַר זיין פּאַרטיי אָדער פאַר זיין פּערזענלעכער איבערציי־גונג, איז פאַר אים יעדעס מיטל געווען כשר, אַבי ס'האָט נאָר פאַרזיכערט צו ברענגען מזל. ער איז געווען אַ געבוירענער פּאָליטיקער, וועלכער האָט זיך קיינ־מאָל נישט אָפּגעזאָגט צו פאַרנעמען זיך אפילו אויף קרומע וועגן, ווען ער האָט גע־רעכנט, אַז דאָס וועט אויספאַלן לטובת זיין פּאַרטיי. גערעכטיקייט און אומגערעכ־טיקייט זיינען פאַר אים געווען אַ ריינער פּאַרטיי־עינין און ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַבסורד און נאַריש צו מעסטן פּאָליטישע עינינים מיט אַן עטישער מאָס, אויב ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן די אינטערעסן פון זיין אייגענער פּאַרטיי. קעגן די אַנאַרכיסטן האָט ער תמיד געהאַט אַן אינערלעכן ווידערווילן. ביי זיין דורך און דורך אויטאָריטערער נאַטור האָט עס גאָרנישט געקאָנט זיין אַנדערש. צוליב דעם איז צווישן אים און די אַנדערע חברים שטענדיק געווען אַ געוויסע פרעמדקייט און ווייטקייט, וועלכע האָט מיט גאָרנישט געקאָנט בייגעקומען ווערן. בעת מ'האָט זיין ברודער אומעטום, אין אַלע קרייזן, תמיד אַרויסגעוויזן וואַרעמקייט און סימ־פּאַטיע, האָט מען זיך לגבי שאולן תמיד געהאַלטן אַביסל רעזערווירט, וועלכעס איז אפילו געווען באַמערקבאַר ביי זיינע נענטערע חברים.

אין דייטשלאַנד און צווישן די דייטשע פּליטים אין אויסלאַנד פלעג איך אָפט באַגעגענען אַזעלכע טיפּן, אָבער אין ענגלאַנד זיינען זיי דעמאָלט געווען אַ גרויסע זעלטנהייט. מ'פלעגט זיי אייגנטלעך באַגעגענען נאָר אינעם ענגערן קרייז פון דער ס.ד.פ., וועלכע האָט זיך גרופּירט אַרום היינדמאַנען און „דזשאָסטיס", בעת אין דער אי.ל.פ., וועלכע האָט דעמאָלט אַריינגענומען אין אירע רייען דעם רוב ענגלישע סאָ־

ציאַליסטן, האָט דעמאָלט געהערשט דער טאָלעראַנטער גייסט פון איר גרויסן פירער קעיר האַרדי.

ביידע ברידער, לואיס און שאול, האָבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן דורכגע־מאַכט אַן אינערלעכע אומוואַנדלונג אין זייער פּאָליטישן באַנעם. לואיס האָט זיך ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ סאָציאַלדעמאָקראַט, אָבער ער איז אויף תמיד פאַר־בליבן נאָענט מיט זיינע אַלטע אַנאַרכיסטישע פריינט, צו וועמען ער האָט געפילט אַ מענטשלעכע סימפּאַטיע. מיר האָבן באַדויערט זיין איבערקער, אָבער קיינער האָט אים דעריבער נישט געמאַכט קיין פאָרוואָרף, ווייל יעדער איינער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז ער האָט זיין אַריבערגאַנג אין אַנדערן לאַגער געמאַכט צוליב ערלעכער איבערצייגונג. שאול איז אָבער שפּעטער אַריבערגעגאַנגען צו די קאָמו־ניסטן און ער האָט זיינע פריערדיקע חברים באַקעמפט מיט דערזעלביקער פאַנאַ־טישער פאַרביסנקייט, מיט וועלכער ער פלעגט פריער, ווי אַ סאָציאַלדעמאָקראַט, באַקעמפן אַלע אַנדערע סאָציאַליסטישע ריכטונגען. אויך ביי אים איז דער איבער־קער נישט פאָרגעקומען מחמת ער האָט אין זין געהאַט פערזענלעכע נוצן. ער האָט בלויז געפאָלגט זיין אינערלעכן דראַנג, וועלכער האָט אים אינסטינקטיוו געפירט צו די קאָמוניסטן, וואָרן אין תוך פון זיין וועזנטלעכקייט איז ער תמיד געווען אַ באַל־שעוויק, ווען אפילו ער האָט זיך אפשר קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן דעם. ביידע ברידער זיינען מיט אַ סך יאָרן שפּעטער געשטאָרבן אין לאָס אַנדזשע־לעס, ווו איך האָב זיי בעת מיינע באַזוכן דאָרט גאַנץ אָפט געזען.

אַן אַנדער פּאָרל אין דער דעמאָלטיקער באַוועגונג אין לידז איז געווען די ברידער גאָרדאָן. באַרנעט איז געווען אַן אַנאַרכיסט, בעת זיין ברודער יעקב האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ סאָציאַלדעמאָקראַט. ביידע זיינען געווען זייער אינטעליגענטע און אָנגעלייענטע אַרבעטער און האָבן אָן ספק באַלאַנגט צו די פעיקסטע מענטשן פון דער דעמאָלטיקער באַוועגונג. באַרנעט האָט געהאַט אין זיין גאַנצן וועזן עפּעס שווערס, כימעט פּוריטאַנישס, אָבער ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער און ריינער כאַראַק־טער, וועמעס אומפּרעטענציעזע איינגעהאַלטנקייט מ׳האָט פריער געמוזט קאָנען פאַרשטיין און באַנעמען, כּדי אים בעסער צו דערקענען. יעקב אָבער איז געווען אַ זייער פעיקער מענטש, מיט אַ זייער פריינטלעכן און אָפנהאַרציקן כאַראַקטער, וועלכער האָט נישט געהאַט אפילו קיין שפּור פון דער אינערלעכער פאַרביסנקייט, וואָס ס׳האָט געהאַט אין זיך זיין חבר לדעה שאול עלשטיין.

צו די אַקטיווסטע חברים אין לידז האָט דעמאָלט אויך באַלאַנגט דוד איזאַקאָ־וויטש, וועגן וועמען ס׳וועט נאָך שפּעטער גערעדט ווערן באריכות. ער איז געקומען פון לאָנדאָן, ווו ער האָט דורכגעמאַכט זיין ערשטע אַנטוויקלונג צום פרייהייטלעכן סאָציאַליזם. אונטער זיין השפּעה האָט די לידזער גרופּע אַרויסגעגעבן אַ היפּשע צאָל גוטע בראָשורן און פלוגבלעטלעך, וועלכע זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד. ער האָט דידאַזיקע אַלע אַרבעטן אַליין אויסגעזעצט מיט דער הילף פון אַ חבר מיטן נאָמען בלומענטאַל און זיי צוגעגרייט צום דרוק; פאַר אָט־דער ניצלעכער אַרבעט האָט ער אַוועקגעגעבן כימעט זיין גאַנצע פרייע צייט. דאָס איז

אַזוי צו זאָגן געווען דער ערשטער אָנהויב פאַר אונדזער שפּעטערדיקער גרויסער פאַרלאַגס־טעטיקייט אין לאָנדאָן, צו וועמעס דורכפירונג איזאַקאָוויטש האָט אַזוי פיל צוגעהאָלפן.

די לידזער גרופּע האָט דעמאָלט געהאַט אייניקע גוטע לאָקאַלע רעדנער. חוץ לוויס עלשטיין איז עס געווען ספּעציעל ל. פּאַטוויי, וועלכער האָט צוזאַמען מיט אים כסדר אומאיבערגעריסן אָנגעפירט די מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע. פּאַטוויי איז געווען אַ זייער פעיקער חבר, וועלכער איז באַלד נאָך מיין אַנקומען אָפּגעפאָרן קיין אַמע־ריקע, ווו איך האָב אים מיט אַ סך יאָרן שפּעטער ווידער געטראָפן אין מילוואָקי. פון די יינגערע חברים האָט זיך דעמאָלט ספּעציעל אויסגעצייכנט אלף גרינבערג, וועלכער האָט זיך דעמאָלט אין אונדזער קלוב פאַרדינט די ערשטע אויסצייכענונג ווי אַ רעדנער. אייניקע חדשים נאָך מיין אָנקום האָט זיך אויך י. קאַפּלאַן ווידער באַזעצט אין לידז, ווו ער האָט זיך נאָך מיט יאָרן צוריק געהאַט אויסגעצייכנט מיט זיין אַקטיוויטעט אין דער באַוועגונג. אַזוי אַרום איז עס געקומען צו דעם, אַז לידז איז במשך פון אַ געוויסער צייט געווען דער צענטער פון דער פרייהייטלעכער באַ־וועגונג צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט, ביז דער שווערפּונקט פון אונדזער אַרבעט האָט זיך פונדאַסניי אַריבערגעטראָגן קיין לאָנדאָן, וועלכע איז נאַטירלעך פאַר דעם צוועק געווען אַ סך בעסער צוגעפּאַסט ווי אַ פּראָווינציעלע שטאָט.

חוץ די שוין דערמאָנטע חברים האָט די גרופּע פון די יידישע אַנאַרכיסטן אין לידז געהאַט אין איר קרייז אייניקע צענדליק פון די ווערטפולסטע מיטגלידער, וועלכע האָבן מיט חשק און מיט אומדערמידלעכער קרבנות־גרייטקייט דורכגעפירט אַלע אַנדערע נייטיקע קלענערע אַרבעטן און געווען דער אמתער רוקנביין פון דער באַוועגונג, ווי זיי זיינען דאָס אומעטום, אין יעדער באַוועגונג. מיט אינערלעכער פרייד דערמאָן איך זיך נאָך היינט אין יענע אַלע פּרעכטיקע מענטשן, פון וועלכע דער רוב ליגט שוין לאַנג אין דער קילער ערד, בעת אַנדערע זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן אין פאַרשידענע ווינקלען פון דער גאַנצער וועלט. די ווילע און געטרייע חברים באַדאַנסקי און ליפּמאַן זיינען שוין לאַנג געשטאָרבן, פּונקט ווי דער קליינער זילבערמאַן, דער אַלטער זאַמפּ מיט דער געדיכטער באָרד, וועלכע האָט אים כימעט פאַרדעקט דאָס גאַנצע פּנים; בען אַגורסקי, דער שוסטער ליוואַי מיטן געלבלעכן הויטקאָליר, דער ברייטער טאָטערנאָז און די אַביסל אויפגעריסענע, גוטמוטיק־וויני־קענדיקע אויגן, — אַ לעבעדיקע אָפּלייקענונג פונעם צוגעטראַכטן מעשהלע וועגן דער יידישער ראַסע. אויך דער הומאָרפולער שוסטער־פילאָזאָף ב. קויפמאַן, וועמעס פּראַכטפולע שטים האָט אַזוי אָפט אַמוזירט אונדזערע געזעלשאַפטלעכע אונטער־נעמונגען, האָט זיך שוין לאַנג פאַרנומען אויפן וועג פון אַלע בשר ודמס. אַט־דער קויפמאַן איז געווען אַ ווירקלעכער אָריגינאַל אין זיין מין. ער האָט געהאַט אַ גרויסע פאַמיליע, וועלכע ער האָט, ווי אַ שוסטער־לאַטוטניק, זייער שווער געקאָנט מפרנס זיין. אָבער ער איז תמיד געווען אויפגעלייגט און גוט געשטימט און זיין אומצע־שטערבאַרער הומאָר האָט אים געהאָלפן בייקומען אַלע פּרעניותן אין לעבן. זיינע „פעט־געזאַלצענע" אַנעקדאָטן און זיין שאַרפער וויץ האָבן אונדז פאַרשאַפט אייניקע

פריילעכע שעהן. פאַר זיין פרוי, וועלכע איז געווען אַ פּרומגאָטספאַרכטיקע יידענע, איז זיין פרייהייטלעכע אידעאָלאָגיע געווען שטענדיק ווי אַ דאָרן אין אויג, אַזוי אַז ס׳איז צווישן דעמדאָזיקן פּאָרל גאַנץ אָפט געקומען צו היימישע סצענעס. אָבער ווען זיין אשת־חיל האָט זיך אָנגעהויבן צו בלאָזן, האָט דער פריילעכער שוסטער געלאָזט הערן זיין מעכטיק קול און אַזוי לאַנג געזונגען, ביז דער שטורעם איז אַריבער.

איך האָב זיך שפּעטער אויך מיינע רייזעס אין די פאַרייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע באַגעגנט מיט אַזוי פיל פון די אַלטע לידזער חברים. אָבער אויך פון זיי באַלאַנגט שוין דער רוב היינט נישט מער צו די לעבעדיקע. בלויז די חברים ל. פּאָטווי אין מילוואָקי און מעלווינסקי אין סאַן פראַנציסקאָ זיינען נאָך די איינציקע לעבנגעבליבענע פון יענע שוין לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטן. פון דער אַלטער באַוועגונג אין לידז איז קוים נאָך געבליבן אַ שפּור. דאָס איז דער אומפאַרמיידלעכער גורל פון אַלע אימיגראַנטישע באַוועגונגען.

בשעת מיין דעמאָלטיקן אויפהאַלט אין לידז האָב איך אָפט געמאַכט פּאָרטראַגטורן קיין מאַנטשעסטער, ליווערפּול, האַל, בירמינגהאַם, גלאַזגאָו און עדינבורג. פּונקט דעמאָלט, ווען די באַוועגונג אין לאָנדאָן האָט דורכגעמאַכט דעם שווערסטן קריזיס, האָט זיך אין דער פּראָווינץ אַנטוויקלט אַן אַקטיווו לעבן. אין שכנישן מאַנטשעסטער איז דעמאָלט געווען אַ לעבעדיקע גרופּע, אַדאַנק דער אומדערמידלעכער טעטיקייט פון די פריינט הערי דובינסקי, בערטאַ ברידזש, מ. בער און אייניקע אַנדערע. אויך אין די אַנדערע שטעט האָט די באַוועגונג געהאַט צו פאַרצייכענען אַ שטאַרקן אויפלעב. די לעבעדיקסטע גרופּע אין דער פּראָווינץ, חוץ לידז, האָט זיך דעמאָלט געפונען אין גלאַזגאָו, ווו אונדזער פריינט דזשאָזעפס, אַ זייער אינטעליגענטער און אַקטיווער חבר, איז במשך פון אַ לאַנגער צייט געווען די נשמה פון דער באַוועגונג. ווען ער איז שפּעטער אָפּגעפאָרן קיין ניי־זעלאַנד, האָבן מיט גוטע רעזולטאַטן אָנגעפירט מיט דער פּראָפּאַגאַנדע די חברים בראַון, פאַלק, וועלינסקי, סעמיועלס, ראַדוצקי צוזאַמען מיט אַן אָפּגעקליבענער גרופּע גוטע חברים. זייער אַקטיוויטעט איז עס בעיקר געווען צו פאַרדאַנקען, וואָס מיינע רעדעס אין גלאַזגאָו האָבן צוגעצויגן אַזאַ אויסערגעוויינלעך גרויסן עולם.

אין גלאַזגאָו האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט ז. ווענדראָוו, וועלכער האָט שפּעטער באַקומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור. ווען איך האָב זיך מיט אים באַקענט, איז ער געווען שטאַרק פאַרכאַפּט פונעם ציוניזם און ס׳איז צווישן אונדז אויך די פאַרזאַמלונגען, נאָך די רעפעראַטן, און ביי פערזענלעכע באַגעגענישן געקומען צו לאַנגע דיסקוסיעס וועגן דער אַזויגערופענער נאַציאָנאַלער פראַגע, ביז ער האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין זיינע אַלטע איבערצייגונגען און זיך דערנענטערט צו אונזערע אידעען. ווען ער האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין לאָנדאָן צוזאַמען מיט זיין זייער אינטעליגענטער פרוי אַנאַ, וועלכע האָט אין מאָסקווע געהאַט באַקומען אַ גוטע רוסישע דערציונג, איז ער געוואָרן אַ גאַנץ אָפטער מיטאַרבעטער פון אונדזער אויסגאַבע, וועלכע ער האָט באַרייכערט מיט אייניקע שיינע אַרבעטן.

איך האָב שוין פריער עפּעס געזאָגט וועגן דער גייסטיקער הינטערשטעליקייט פון דער אַלגעמיינער יידישער באַפעלקערונג אין לידז, וועגן וועלכער די עלטערע חברים האָבן געהאַט צו דערציילן אומגלייבלעכע מעשיות. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און איך האָב אַליין געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט אָט־דעם ממש מיטלאַלטערלעכן פאַנאַטיזם. די רירעוודיקע און מזלדיקע אַקטיוויטעט פון אונדזער קלוב אין מינוואוד ראָוד איז פאַר די פאַנאַטיקער פון דער יידישער געמיינדע געווען ווי אַ דאָרן אין אויג. זיי האָבן אונדז דאָס ביי יעדע געלעגנהייט געלאָזט פילן און מערקן. די מודעות פאַר אונדזערע פאַרזאַמלונגען און צונויפטרעפן פלעגן כסדר אַראָפּגעריסן ווערן פון די ווענט דורך בלינדע פאַנאַטיקער. מיר האָבן דעריבער קיינמאָל נישט געקאָנט פונאַנדערקלעפּן אונדזערע פּלאַקאַטן בייטאָג און זיינען געווען געצוווּנגען דידאָזיקע אַרבעט דורכצופירן נאָר ביינאַכט, ביכדי זיי זאָלן לפּחות אין די פרימאָרגנדיקע שעהן דורכפירן זייער ציל. אָט־די נאַכטיקע פּלאַקאַטן־קלעפּעניש זיינען בשום אופן נישט געווען פריי פון סכנות, ווייל פון צייט צו צייט פלעגט פּאַסירן, אַז חברים זיינען איבערגעפאַלן געוואָרן אין גאַס און צעשלאָגן געוואָרן. מיר זיינען דעריבער געווען געצוווּנגען צו שאַפן אַזאַ מין שוצגוואַרדיע, ביכדי צו באַשיצן די חברים, וועמען ס'איז אויסגעקומען צו טאָן אַזאַ מין אַרבעט.

אָבער די משונהדיקסטע דערפאַרונג, וועלכע איז אַפילו פאַר לידז געווען עפּעס אויסערגעוויינלעכס, האָב איך דורכגעמאַכט אין יום־כיפור. די חברים האָבן אויף ערב יום־כיפור ביינאַכט גערופן אַן עפנטלעכן צונויפקום אין אונדזער קלוב און פאַר דעם צוועק פאַרבעטן י. קאַפּלאַנען, וועלכער האָט נאָך דעמאָלסט געוווינט אין לאָנדאָן, צו האַלטן אַ רעדע. דערמיט האָבן זיי אַרויסגערופן דעםווילדן צאָרן פון אַלע פרומאַקעס קעגן זיך. אַ טאָג פאַר ערב יום־כיפור איז איינער פון אונדזערע חברים, וועלכער האָט פאַרטיילט אין גאַס בלעטלעך וועגן דעם מיטינג, איבערגעפאַלן געוואָרן פון אַ גרויסן המון און גוט צעמזיקט געוואָרן. די כסדרדיקע דראָונגען, וועגן וועלכע מיר זיינען געוואויר געוואָרן, האָבן אונדז געגעבן אַ מאָטיוו צו שרעקן זיך, אַז אונדזער צוזאַמענקום וועט נישט ציען קיין גרויסן עולם, ווייל מ'האָט זיך געקאָנט משער זיין, אַז אַ סך מענטשן וועלן זיך מורא האָבן אויסצושטעלן צום טעראָר פון בלינדע פאַנאַטיקער. דערפאַר איז געווען אַזוי שטאַרק אונדזער איבעררעאַשונג, ווען מיר האָבן געזען, ווי אונדזער זאַל איז געווען אָנגעפּולט ביז צום לעצטן פּלאַץ.

אויפן פאַרלאַנג פון די חברים האָב איך איבערגענומען דעם פאָרזיץ פון יענעם צונויפקום און נאָך אייניקע אַריינפירווערטער האָב איך פאָרגעשטעלט קאַפּלאַנען ווי דעם רעדנער פונעם יום־כיפור־אָוונט. ווען קאַפּלאַן האָט שוין געהאַט גערעדט אַ היפּשע ווײַלע, האָט זיך פלוצים פון גאַס דערהערט אַ ווילד געשריי און דער רוב באַזוכער איז אויפגעשפּרונגען פון זייערע פּלעצער. נאָכדעם ווי איך האָב מיט אייניקע ענערגישע ווערטער אויפגעפאָדערט דעם פאַרזאַמלטן עולם זיך צו האַלטן רואיק, איז מיר אין אייניקע מינוט געלונגען איינצושטעלן צוריק אָרדענונג אין זאַל און קאַפּלאַן האָט געקאָנט רעדן ווייטער. אין דעם מאָמענט איז לואיס עלשטיין צוגעקומען צו מיר אַ טויט־בלאַסער און פון מיר פאַרלאַנגט, איך זאָל אַרויסגיין צום

טויער פונעם זאַל. איך האָב נאָך געהאַט צייט אויפצופאָדערן דעם עולם אין זאַל זיך צו פאַרהאַלטן רואיק און קאַפּלאַנען, אַז ער זאָל רעדן ווייטער. אַזוי איז עס טאַקע געווען.

ווען איך בין אַרויסגעקומען אין דער פאָיע, וועלכע האָט אָפּגעטיילט דעם זאַל פונעם אַריינגאַנג פון דרויסן, האָב איך דאָרט באַגעגנט די חברים אַגורסקי און פערלמאַן, צוויי יונגע מענטשן, שטאַרקע ווי די דעמבעס, וועלכע עלשטיין האָט אַרויסגערופן פאַר מיר. האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז אויף דער גאַס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט הונדערטער יידן, וועלכע גרייטן זיך צו שטורעמען דעם קלוב. כדי בעסער צו פאַרשטיין די לאַגע דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז אונדזער קלוב האָט זיך געפונען אויפן צווייטן שטאָק פון אַ הינטערשטער געביידע, וועלכע איז געווען אָפּגע־טיילט פון דער גאַס דורך אַ ברייטן הויף. דעם הויף האָט מען געמוזט פאַרבייגיין, בּיכדי אָנצוקומען צו אַ לאַנגער און משופּעדיק־הויכער טרעפּ, וועלכע האָט ארויפגעפירט פונעם הויף אין דער פאָיע פונעם זאַל. איך האָב תיכף באַגריפן, אַז מ׳טאָר אָט־דעם המון נישט צולאָזן צוקומען ווייטער ווי ביז צו די טרעפּ. ווייל טאָמער וועט ער פאַרכאַפּן די טרעפּ, וועט נישט מעגלעך זיין גאָרנישט צו ראַטעווען פונעם זאַל, ווו אַלץ וועט חרוב ומוחרב ווערן. די טרעפּ האָט אָבער געקאָנט לייכט פאַרטיידיקט ווערן, וואָרן זי איז געווען שמאָל; מ׳האָט בלויז געמוזט זאָרגן דערפאַר, אַז ס׳זאָל פון זאַל קיינער נישט אַרויסקומען אין פאָיע. ווייל מיט דער כוונה אונדז צו העלפן, קאָן דער עולם גיכער אוממעגלעך מאַכן די פאַרטיידיקונג. אַגורסקי איז געווען אַ ריז לויט זיין געשטאַלט; פערלמאַן און איך זיינען אויך נישט געווען פון די שוואַכסטע. איך האָב צו זיי געזאָגט, אַז מיר וועלן דעם אַריינגאַנג קענען זייער לייכט פאַרטיי־דיקן און איך האָב תיכף פאַרנומען מיין פּלאַץ אינדערמיט פון די טרעפּ. אַגורסקי איז געשטאַנען מיט עטלעכע טרעפּ העכער און פערלמאַן האָט געדאַרפט זען, אַז ס׳זאָל קיינער נישט אַרויסקומען פון זאַל אין דער פאָיע.

מיר האָבן נאָר־וואָס געהאַט פאַרנומען אונדזערע פּאָזיציעס, ווי דער המון האָט זיך מיט אַ ווילדן געשריי אַריינגעריסן אינעם הויף און גענומען לויפן צו די טרעפּ. אַ פאַרשוין אַזוי הויך ווי אַ בוים האָט געשפּילט די ראָל פונעם פירער און אויפגע־פאָדערט די מחנה אים נאָכצוגיין, בּיכדי דעם גאַנצן זאַל חרוב צו מאַכן. אָבער ווען ער האָט אונדז דערזען אויף די טרעפּ, האָט ער זיך פאַרהאַלטן און געוואָרן וויב־ציקער האָפּעדיק. ער האָט אָנגעהויבן צו שרייען צו אונדז, אַז מיר זאָלן אים מאַכן פריי דעם וועג, ווייל אַנישט, וועט ער אונדז ממיתן. האָב איך אים אַ געשריי־געטאָן אין פּנים אַריין: „צוריק! איר קומט צו שפּעט. מיר האָבן געמאַכט אַלע צוגרייטונגען און קיינער פון אייך וועט אַ לעבעדיקער אויף דידאָזיקע טרעפּ נישט אַרויפגיין!“

דער פאַרשוין איז נישט געווען קיין גרויסער העלד. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַזוי שטאַרק אָנגעבלאָזן, מוז ער אַליין פריער אַרויפגיין אויף די טרעפּ, בּיכדי אַנדערע זאָלן אים קאָנען נאָכגיין. אָבער צו אַזויפיל מוט האָט ער נישט געקאָנט פועלן ביי זיך. ער האָט זיך געקווענקלט און איך האָב באַלד פאַר־שטאַנען וואָס פאַראַ פויגל ער איז. האָב איך אַרויסגענומען פון קעשענע מיין זייגערל

און אַ זאָג־געטאָן: „מיר גיבן אייך איין מינוט צייט. אויב איר וועט נישט גיין צו אַלדי רוחות, ווארפן מיר זיך אויף אייך און איר וועט אַליין זיין שולדיק פאַר דעם, וואָס ס׳וועט מיט אייך געשען!" דאָס איז, נאַטירלעך, געווען אַ פּוסטער סטראַשונאַק, אָבער ער האָט דערגרייכט זיין צוועק.

„נאָך צען רגעס", האָב איך אַ געשריי־געטאָן. דעם פאַרשוין איז דאָס האַרץ אַרויסגעשפּרונגען פונעם פּוטערפעסל. ער האָט זיך אויסגעדרייט און געשריגן: „צוריק! צוריק! ער האָט א מעסער אין דער האנט!" דאָס איז נאַטירלעך געווען נישט מער ווי אַ ליגנערישער אויסרייד, אונטער וועלכן ער האָט געוואָלט באהאלטן זיין פּחדנות, ווייל חוץ מיינע פויסטן האָב איך נישט געהאַט קיין שום געווער מיט זיך.

אין איין אויגנבליק האָבן די עטלעכע פאַרשוינען, וועלכע האָבן שוין געהאַט פאַרנומען די ערשטע אונטערשטע טרעפּ, אָפּגערוימט דעם הויף. מיר האָבן נאָך געהערט זייער ווילד געשריי, אָבער איך האָב געוווסט, אַז מיר האָבן שוין פאַר אָט־דעם המון נישט וואָס מורא צו האָבן. און ס׳איז געווען גוט אזוי, ווייל וואָלט אָט־די האָרדע זיך געווען אַריינגעריסן אין זאַל, וואָלטן מיר זיכער נישט געווען דערלעבט קיין פריילעכס, ביפרט וואָס צווישן די פאַרזאַמלטע איז אויך געווען אַ היפּשע צאָל פרויען.

אינצווישן האָט מען פון דרויסן אַלאַרמירט די פּאָליציי און ס׳האָבן זיך באַוויזן אַ קאָמיסאַר מיט צווי פּאָליציאַנטן, וועלכע זיינען תיכף אַרומגערינגלט געוואָרן פון דעם טומלענדיקן המון אין גאַס. דער לאַנגער העלד האָט זיי דערציילט, אַז ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרזאַמלונג פון „אַרכיניסטן" און גאָטלעסטערער און אַז איינער פון זיי האָט אים געסטראַשעט מיט אַ מעסער. מיר האָבן זיך דערווייל צוריקגעצויגן אין פאָיע און בעת איך האָב זיך דורכגעשמועסט מיט אייניקע חברים וועגן דער פּאַסי־רונג, איז דער קאָמיסאַר מיט זיינע לייט צוגעקומען צו די טרעפּ און געוואָלט זען דעם מאַן מיטן מעסער. ווען מ׳האָט אים איבערגעגעבן וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך דאָ, האָט ער געשמייכלט און געבעטן, מ׳זאָל אים לאָזן כאַפּן אַ בליק אין זאַל. דער אָנבליק פון אַזוי פיל מענטשן, וועלכע האָבן רואיק און מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צום רעדנערס רייד, האָט אים פולשטענדיק באַפרידיקט. ער האָט זיך תיכף צוריקגעצויגן און אָנגעזאָגט זיינע לייט, אַז זיי זאָלן אָפּרייניקן דעם הויף און די גאַס פונעם אָנגעזאַמלטן המון. דאָס איז געשען אין בלויז אייניקע מינוט און אָן יעדן ווידערשטאַנד. אזוי האָט זיך געענדיקט יענער געדענקווירדיקער יום־כיפּור־אָוונט, וועלכער איז נאָך אַ לאַנגע צייט נאָכדעם געווען אַ טעמע פאַר שפּאַסיקע אַרומריידעניש. מיר אַליין אָבער איז בשעת יענע געשעענישן נישט געווען אַזוי פריילעך אויפן געמיט, ווייל דער עיניך האָט גאַנץ לייכט געקאָנט באַקומען אַן אַנדערע ווענדונג און אַן אַנדערן סוף, ווען די גורמים פון יענער טרויעריקער גע־שעעניש וואָלטן זיך געווען אויפגעפירט אַביסל מוטיקער.

ווי געוויינלעך, זיינען אויך דעמאָלסט געווען גוטמיינענדיקע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז מ׳האָט אַזעלכע געשעענישן לייכט געקאָנט אויסמיידן, ווען מען וואָלט אַרויסגעוויזן מער פאַרשטענדעניש פאַר די מינהגים און געוווינהייטן פון דער

מאַסע און אין אַזעלכע טעג לגמרי נישט דורכגעפירט קיין אַקטן, וועלכע דערוואַרעמען און צינדן־אָן נאָך מער איר פאַנאַטיזם. איך מיין אָבער, אַז דאָס איז אַ נישט־אָנגענומבאַרער שטאַנדפונקט, וועלכער, ווען מ׳זאָל זיך תמיד ווענדן האַלטן ביי אים, וואָלט ער געווען מסוגל אָפּצושטעלן יעדן פּראָגרעס. די סתירה צווישן עלטערן און קינדער באַשטייט פאַר יעדן דור און זי קאָן נישט אויסגעמיטן ווערן. מ׳מוז די מענטשן דערציען צו טאָלעראַנץ ווי צו אַלעם אַנדערן. א מענטשן מיט אַ פריייהייט־לעכער אידעאָלאָגיע וועט קיינמאָל נישט איינפאַלן עמעצן צו שטערן מיט געוואַלט ביים האַלטן זיך ביי זיינע רעליגיעזע מינהגים. נישט מיט ברוטאַלער געוואַלט קאָן מען ביי עמעצן פועלן, ער זאָל דענקען אַנדערש און האָבן אַנדערע איבערצייגונגען. מענטשן, וועלכע קאָנען פועלן ביי זיך צו שטורעמען א שיל אָדער אַ קירך, ביכדי צו שטערן עמעצן זיך אויסצולעבן לויט זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען, זיינען אין תוך נישט בעסער ווי יענער בלינדער המון אין לידז. אָבער אַ רעכט איז גילטיק פאַר אַלעמען גלייך און טאָר ביי קיינעם נישט צוגענומען ווערן. טאָלעראַנץ איז אַ שיינע מידה, אָבער קעגן בלינדן פאַנאַטיזם און ברוטאַלער געוואַלט איז נאָר גילטיק דאָס רעכט פון זעלבסטפאַרטיידיקונג. פרומע יידן דאַרפן יום־כיפור גיין אין שיל אַריין, פונקט ווי פרומע קריסטן דאַרפן אין הייליקן פרייטיק גיין אין קירך און נישט זיין אין גאַס, ביכדי ווענדן אָפּפרעגן פאַר אַנדערע דאָס רעכט, וועלכעס זיי פאַרלאַנגען פאַר זיך אַליין. איך מיין, אַז אַזאַ באַנעם איז נישט נאָר לאָגיש, נייערט אויך פאַר־בונפטיק און מענטשלעך. דאָס איז דער איינציקער יסוד, אויף וועלכן אַ געזעלשאַפט־לעך צוזאַמענלעבן איז איבערהויפּט מעגלעך.

אָבער לידז איז אין יענער צייט געווען אַ ווילדע שטאָט; ווייל אויך צווישן די אונטערשטע קלאַסן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג האָט מען זיך נישט זעלטן געקאָנט אָנשטויסן אויף אַ געוויסער פיינטלעכקייט קעגן אויסלענדער אין אַלגעמיין און קעגן יידן ביפרט. געווען אַפילו אַזעלכע, פאַר וועלכע אַלע אויסלענדער זיינען געווען יידן, מעג זיך דאָס אויסווייזן נאָך אַזוי מאָדנע און אומגלייבלעך. ווען איך בין אין אַ געוויסן טאָג געשטאַנען ביי מיר אין שטוב ביים זעצקאַסטן, האָב איך גע־הערט, ווי מ׳קלאַפּט אין מיין טיר. איך האָב געעפנט און געזען פאַר זיך אַן אָרעם־אָנגעטוענעם ענגלענדער, וועלכער האָט מיר דערקלערט, אַז ער האָט צו פאַרקויפן עפּעס זייער שיינס פאַר אַ ביליקן פּרייז. פון אַ שמוציקן צייטונגספּאַפּיר האָט ער אַרויסגעשלעפּט א טלית און אַ פּאָר תפילין און מיר דאָס געוואָלט פאַרקויפן פאַר אַ שילינג. איך האָב זיך האַרציק צעלאַכט און אים געזאָגט, אַז איך דאַרף אַזעלכע זאַכן נישט האָבן, ווייל איך בין נישט קיין ייד. ער האָט מיך באַטראַכט מיט אומצוטרוי און מיך געפרעגט, צי איך בין נישט קיין אויסלענדער. ווען איך האָב אים געענט־פערט, אַז יאָ, האָט ער צו מיר אַ זאָג־געטאָן:

— נו, אויב אַזוי, זיינט איר דאָך אַ ייד.

— פאַרוואָס עפּעס? — האָב איך אים פאַרוווּנדערט איבערגעפרעגט.

— אָבער אַלע מענטשן פונעם אייראָפּעישן קאָנטינענט זיינען דאָך יידן, — האָט

האָט ער געזאָגט מיט זיכערקייט. — די שווארצהאָריקע זיינען רוסישע און די בלאָנד־האָריקע זיינען דייטשע יידן.

פון וואַנען אָט־דער מענטש האָט באַקומען זיינע עטנאָגראַפישע קענטעניש האָב איך נאַטירלעך נישט געוווּסט, אָבער ס׳וואָלט סיי־ווי געווען נוצלאָז אים צו וועלן אויפקלערן דעם עינין; ער וואָלט מיר סיי־ווי נישט געגלייבט. ער האָט מיר דערנאָך געוואָלט אַוועקגעבן זיינע מציאות, וועלכע ער האָט מיסתמא ערגעץ געפונען אָדער גאָר געגנבעט, פאַר אייניקע פעניס און ער איז געווען זייער אַנטוישט, וואָס איך האָב נישט געוואָלט מאַכן מיט אים דעמדאָזיקן לוינבאַרן מיסחר.

און נאָך אַ לוסטיקע געשיכטע זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלסטיקע צושטענדן אין לידז. מיר האָבן דעמאָלסט געוווינט אין אַ קליינער הייזקע ביים סאַמע סוף פון דער שטאָט אין באסלינגטאָרפ לייז, וועלכעס איז געווען אַ היפשער מהלך פונעם געטאָ. אַזוי ווי עס פלעגן אונדז אָפט באַזוכן אַ סך יידישע חברים, בין איך צווישן די ענגלישע שכנים אויך אָנגעגאַנגען ווי אַ ייד, און איך האָב זיך צוליב דעם, פאַרשטייט זיך, נישט געמאכט קיין עגמת־נפש. צו מיינע דעמאָלסטיקע טאָגטעגלעכע געסט האָבן אויך באַלאַנגט די חברים וויליאַם מאַקווין און טאָני פעטערסען. מאַקווין איז געווען אַן ענגלענדער. פעטערסען — אַ דענעמאַרקער; ביידע זיינען געווען פון קריסטלעכן אָפשטאַם, פונקט ווי איך. מיינע ביידע פריינט זיינען געווען מיטגלידער פון אונדזער קלוב אין מינוווד ראָוד און האָבן אָנגעהאַלטן וואַרעמע באַציונגען מיט די יידישע חברים. אַזוי ווי מיר האָבן אין געטאָ געהאַט אַ סך יידישע פריינט, פלעגן מיר ביי זיי מאַכן אָפטע באַזוכן אין די שבתים. און ס׳האָט נישט איינמאָל געטראָפן, אַז אַ סך יידישע פרויען, וועלכע האָבן אונדז געהאַלטן פאַר יידן, פלעגן אויף אונדז אין גאַס אויסגיסן די גאַנצע ביין מאָס רייד פון זייער אויפברויז און אַרויס אויף אונדז מיטן גאַנצן זאַפטיקן מענה־לשון פון זייער שפּראַך, ווייל מיר האָבן אום שבת געררייכערט אונדזערע פייקעס אויף דער גאַס. ווען אָבער מיר פלעגן צוקומען נאָענט צו אונדזער וווינונג, האָט נישט זעלטן פּאַסירט, אַז קינדער פלעגן מאַכן צו אונדז אַלערליי גרימאַסן און האַוואַיעס און אונדז אָנגערופן קריסטוס־מערדער. אַזוי האָבן זיך אויף אונדזערע אומשולדיקע קעפּ אויסגעגאָסן דער גרימצאָרן פון די גאָטפאַרכטיקע לייט פון ביידע אמונות. אָבער מיר זיינען שוין געווען אַזוי פאַרהאַרטעוועט, אַז מיר האָבן זיך אויך אָט־די אויסדרוקן פון ליבשאַפט נישט שטאַרק גענומען צום האַרצן.

חוץ דער יידישער באַוועגונג האָבן אויך די ענגלישע חברים דעמאָלסט אָנגעפירט זייער אַ רירעווודיקע טעטיקייט אין לידז. די ענגלישע סאָציאַליסטן האָבן געהאַט אַ זייער שיינעם קלוב אין נאָרט־סטריט, וועלכער איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פון אָנהענגער פון אַלע ריכטונגען און אין וועלכן עס פלעגן אויך אָפט קומען די יידישע חברים, ווייל די קעגנזייטיקע באַציונגען זיינען געווען זייער האַרציקע און אונדז אין אַ סך פּרטים האַרציק פאַרגיטיקט פאַר דער גייסטיקער שמאַלקעפּלדיקייט און פאַר די פאָרורטיילן, וועלכע האָבן דעמאָלסט אין לידז באַלאַנגט צו די טאָגטעגלעכע דערשיינונגען. צווישן די ענגלישע אַנאַרכיסטן איז דעמאָלסט געווען אַ

זייער שטאַרק אַקטיווע גרופּע, וועלכע האָט זיך בעיקר אָפּגעגעבן מיטן פאַרשפּרייטן אונדזער ליטעראַטור און מיט דער געדרעדטער פּראָפּאַגאַנדע אין די פּאַרקן, צו וועלכער ס׳פלעגן אויך אָפט צוגעצויגן ווערן באַקאַנטע רעדנער פון מאַנטשעסטער און ליווערפּול. דער באַקאַנטסטער אַנאַרכיסטישער רעדנער אין יענער צייט אין לידז איז געווען וויליאַם מאַקווין, אַ זייער פעיקער יונגערמאַן, וועלכער האָט דעמאָלסט אויך אַרויסגעגעבן אַ קליינעם חודשניק „טי פרי קאָמונע״. מאַקווין איז געווען אַ זייער טאַלאַנטירטער רעדנער און אין זיין פּערזענלעכן פּאַרקער איז ער געווען אַ וואַרעמהאַרציקער, פּרעכטיקער מענטש, וועלכער איז געווען באַליבט אין אַלע סאָציאַליסטישע קרייזן. ער האָט געהאַט אַ גוט־באַצאָלטע שטעלע ווי אַ האַנדלס־רייזנדער און אַזוי ווי צוליב זיין באַשעפטיקונג פלעגט אים אויסקומען צו זיין אין אַלע שכנישע שטעטלעך, פלעגט ער אויסנוצן די געלעגנהייט און אויפטרעטן אויף פאַרשידענע מיטינגען אומעטום, ווו דאָס איז נאָר מעגלעך געווען, כדי צו מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר אונדזערע אידעען.

אויפן פאַרלאַנג פון יאָהאַן מאָסט, מיט וועמען ער איז זינט אַ לענגערער צייט געשטאַנען אין שריפטלעכע באַציונגען, איז ער שפּעטער אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, ווו ער האָט אַרויסגעגעבן אַ חודש־בלאַט „ליבערטי״, וועלכעס איז געדרוקט און פאַרשפּרייט געוואָרן צוזאַמען מיט מאָסטס „פרייהייט״. מאַקווין האָט זיך שטאַרק באַטייליקט אין דער אַמעריקאַנישער באַוועגונג, ביז ער איז אין דער צייט פונעם גרויסן וועבער־שטרייק אין פּעטערסאָן געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט, צוזאַמען מיט רודאָלף גראָסמאַנען, צוליב זייערע רעדעס ביי פאַרזאַמלונגען פון די שטרייקער, און פאַרמישפּט געוואָרן צו דער מאָנסטרועזער שטראָף פון פינף יאָר תפיסה. דער פאַקט, אַז דער פּסק־דין קעגן גראָסמאַנען, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פון אָפּזיצן די שטראָף דורך אַנטלויפן קיין אייראָפּע, האָט שפּעטער געמוזט אַנולירט ווערן דורך אַ העכערן טריבונאַל, ווייזט בולט, ביי וועלכע אומשטענדן יענער מישפּט איז פאַרגעקומען. מאַקווין האָט אָבער געמוזט אָפּזיצן כימעט די גאַנצע שטראָף און ער איז אַרויס פון תפיסה אַ טויט־קראַנקער מענטש. ווען ער איז באַלד נאָכדעם צוריקגעקומען קיין ענגלאַנד, ווו איך האָב אים באַגעגנט אין לאָנדאָן, האָב איך אים כימעט נישט דערקענט. די לאַנגע און האַרטע תפיסה־שטראָף האָט דעם יונגן האַרציקן מענטש פאַרוואַנדלט אין אַ פיזיש־געבראָכענעם מאַן, וועלכער האָט שוין מער באַלאַנגט צום קבר ווי צו דער וועלט און ער איז טאַקע באַלד נאָכדעם אָפּגעריסן געוואָרן פון אונדז דורכן טויט.

צווישן די ענגלישע חברים איז דעמאָלסט געווען אַ גאָר יונגיטשקער מענטש מיטן נאָמען מאָשקאָוויטש, אַ זייער טאַלאַנטירטער רעדנער, וועלכער האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין דעבאַטן מיט קעגנער דורך זיין אויסערגעוויינלעכער שאַרפזיניקייט. אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז ער געבוירן געוואָרן אין שכנישן מאַנטשעסטער ווי אַ זון פון יידישע עלטערן און ער האָט זיך בעיקר באַטייליקט אין דער סעקולאַריסטישער באַוועגונג, אָבער לויט זיין באַנעם איז ער געווען אַן אָנהענגער פון בענדזשאַמין טאָקערס אידעען. ביכדי צו פאַרדינען אויף פּרנסה, האָט ער זיך

אָפּגעגעבן מיט פאַרקויפן אַזאַ מין אומשעדלעכן מעדיקאַמענט, פאַר וועלכן ער האָט צוגעטראַכט אַ מאָדנעם נאָמען: „יסורים־קיללער", די ערשטע טייל פון העברעיש (יסורים) און די צווייטע פון ענגליש, און האָט געקאָנט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ מיטל צו פאַרלייכטערן יסורים. אָבער נישט געקוקט אויף זיין משונהדיקן נאָמען האָט אים אָט־די רפואה נישט געבראַכט קיין הצלחה, ווייל דער דלות האָט געפּייפט ביי אים אין אַלע ווינקעלעך. פונדעסטוועגן איז ער שטענדיק געווען פריילעך און גוט געשטימט און זיך נישט געלאָזט ארויסברענגען פון די כלים צוליב די קליינע צרות אין לעבן.

אָבער די אייגנאַרטיקסטע פיגור צווישן די ענגלישע אַנאַרכיסטן אין לידז איז דעמאָלט געווען מעט סאָליד, אַן אויסגעצייכנטער אַלטיטשקער, וועלכער האָט, נישט געקוקט אויף זיין 67־יעריקער עלטער, אויפגעהיט זיין יוגנטלעכע רירעוודיקייט, אַ לעבעדיקייט, וועלכע איז זעלטן צו זען ביי אָט־די יאָרן. דעם אַלטן מעט פלעגט מען באַגעגענען ביי אַלע צונויפקומען, אָן אַ חילוק פון דער ריכטונג, און ווו ער האָט זיך באַוויזן, איז בדרך כלל געוואָרן שטאַרק היימלעך. די הויכע, שלאַנקע פיגור זיינע מיטן פּרעכטיקן קאָפּ, וועלכער איז געווען אינגאַנצן גלאַטיק, אָבער אַרומגענומען פון די זייטן מיט אַ קראַנץ גרויע האָר, און דאָס שמאָלע מוטיק־אויסזעענדיקע פנים, אַרומגענומען מיט אַ גרויער באָרד, מיט די לעבעדיקע, לויטערע אויגן — אַזאַ געשטאַלט קאָן מען נישט לייכט פאַרגעסן, ווען מ'האָט עס איינמאָל געזען. מעט סאָליד איז געווען אַ קאַפּיטל פאַר זיך. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן שכל און ער האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אויף די געביטן פון די נאַטורוויסנשאַפטן און סאָציאַל־פילאָזאָפיע, געביטן, אויף וועלכע ער האָט זיך דערוואָרבן נישתוממדיקע קענטענישן, וועלכע ער האָט פאַרשטאַנען אויסצונוצן אויף אַן אויסגעצייכנטן אופן. ער האָט נאָך, אגב, געהאַט די זעלטענע פעיקייט צו פאַרענטפערן און אויפקלערן די שווערסטע פּראָבלעמען מיט ווייניק ווערטער און די דערקלערונג אַרויסברענגען אַזוי, אַז יעדער איינער, וואָס איז נישט געווען קיין דערשלאָגענער, האָט אים געמוזט פאַרשטיין. אַזוי ווי ער פלעגט מיך גאַנץ אָפט באַזוכן, האָב איך געהאַט די בעסטע געלעגנהייט מיט אים זיך גרינטלעך צו באַקענען. איך פלעג ביי יעדן מאָל פונדאַסניי דערשטוינט ווערן, ווען איך פלעג זען, ווי דער אַלטער מענטש פלעגט תמיד בעתן שמועס אַרויסבאַקומען נייע פראַגמענטן פון זיין רייכער שאַצקאַמער פון וויסן און זיי לעבהאַפּטיק פאַרנוצן פאַר זיינע באַדערפענישן.

מעט האָט געהאַט בלויז איין חסרון: זיין הייסער טעמפּעראַמענט איז געווען אַזוי אימפּעטיק, אַז ס'איז נישט געווען קיין אופן אים איינצוהאַלטן, ביפרט ווען ער האָט געהאַט צו טאָן מיט א טעמפּן קעגנער, וועלכער איז נישט געווען אימשטאַנד לאָגיש צו באַנעמען אַן אַרגומענט און אים צו דערפירן ביז צום סוף. אין אַזעלכע פאַלן האָט ער נישט געוווסט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס שוינונג און נישט געקוקט אויף זיין בטבעדיקער גוטהארציקייט, פלעגט ער זיך לאָזן אַזוי שטאַרק מיטרייסן מיט זיין טעמפּעראַמענט, אַז אַ סך, וועלכע האָבן אים נישט געקאָנט, פלעגן צומאָלס צווייפלען אין זיין גראַדן שכל, אים באַטראַכטן פאַר אַ חסר־דעה. ווען מ'האָט געוואָלט פועלן

ביי אים, ער זאָל געבן אַ באמת גוטן רעפּעראַט, האָט מען אים פריער געמוזט איבער־צייגן, אַז ער וועט האָבן פאַר זיך אַזאַ קרייז צוהערער, וועלכער וועט נישט דולדן קיין מיטלמעסיקייט און וויל טאַקע הערן עפּעס ערנסטס. אין דעם פאַל האָט ער באַהאַנדלט זיין טעמע מיט אַ גרויסער מייסטערשאַפט און אַנטוויקלט זיינע געדאַנקען מיט אַזאַ לויטערער קלאָרקייט און גרינטלעכקייט, אַז דער בעסטער פּראָפעסאָר האָט אים דערמיט געמעגט מקנא זיין. טאָמער אָבער האָט ער געוווּסט, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ פּובליקום, וואָס איז פויל אַליין צו דענקען, פלעגט ער ממש אַרויסשפּרינגען פון דער הויט און ער פלעגט זיינע צוהערער וואַרפן אַזעלכע זאַכן אין קאָפּ אַריין, אַז ס'פלעגט פאַרכאַפּן דעם אָטעם. און בשעת־מעשה פלעגט ער פּאַכן אין דער לופט מיט זיין שפּאַציר־שטעקן, וועלכן ער פלעגט קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן פון האַנט, אַז עס האָט אויסגעזען גאַנץ געפערלעך. אַפילו אויף דער רעדנער־טריבונע האָט ער נישט אַרויסגעלאָזט דעם שטעקן פון דער האַנט.

מעט איז געווען אַ געבוירענער אין קאַמפּהאָן. ווו ס'איז געווען געפערלעך אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג, דאָרט איז ער תמיד געווען דער ערשטער אויפן פּלאַץ. אין דער צייט פון דער דרום־אַפריקאַנישער מלחמה, ווען קיין שום סאָציאַליסט אין לידז האָט נישט געקענט וואַגן אַרויסצוטראָגן אַ פּראָטעסט קעגן דער מלחמה אויף די מיטינגען אונטערן פרייען הימל, איז ער געווען דער איינציקער, וועלכער האָט באַוויזן זיך צו אימפּאָנירן, אַז מ'זאָל אים אויסהערן. איך מיין, אַז ער וואָלט זיך בעסער געווען געלאָזט הרגענען פון אַ פאַנאַטישן המון, איידער זיך צו לאָזן צונעמען אָדער קירצן זיין רעכט אָדער גאָר מאַכן די מינדסטע קאָנצעסיע דער טעמפּקייט פון דער מאַסע. ווען מאַקווין איז איינמאָל ביי אַזאַ געלעגנהייט שטאַרק צעמזיקט און כימעט געלינטשט געוואָרן פון אַ פאַנאַטישן המון, האָט זיך מעט סאָליד באַוויזן דעם קומענדיקן זונטיק אויפן זעלביקן פּלאַץ און אויסגעשאָטן אַזאַ האָגל מיט אומגעהייערע באַליידיקונגען אויף זיינע קעגנער, אַז יעדער איינער האָט זיך געריכט, אַז מ'וועט דעם אַלטן צערייסן אויף שטיקער. אָבער ס'האָט גאָרנישט פּאַסירט. ס'האָט זיך אַפילו פון צייט צו צייט דערהערט אַ טעמפּ מורמלען, אָבער קיינער האָט אויף מעטן נישט אויפגעהויבן קיין האַנט, און נאָכדעם ווי ער האָט אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן, איז ער מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ פאַרבייגעגאַנגען צווישן דעם עולם און קיינער האָט נישט געפּרוווּט אים צו פאַרשטעלן דעם וועג.

דאָס עקסצענטרישע אין מעט סאָלידס כאַראַקטער האָט, אגב, געהאַט אַן אייגנאַרטיקן מאָטיוו. מעט איז אין זיין יוגנט געווען אַ ים־מענטש און ער האָט בעת זיין אַרבעט איינמאָל געליטן פון אַן אַקצידענט, ביי וואָס ער האָט באַקומען אַזאַ קלאַפּ אין קאָפּ, אַז אַפילו איצט האָט מען אויף זיין פּליכעוואַטן קאָפּ נאָך געקאָנט באַמערקן דריי טיפע לעכער. די צייטונגען האָבן דעמאָלסט שוין געהאַט געמאָלדן וועגן זיין טויט, אָבער אַדאַנק דער קונסט פון אַן ענגלישן כירורג איז נאָך דריי שווערע אָפּעראַציעס געלונגען צו ראַטעווען דאָס לעבן פונעם מאַטראָז, וועלכן מ'האָט שוין געהאַלטן פאַר טויט. פון זינט יענער וווּנדערבאַרער גענעזונג איז פאָרגעקומען א פולשטענדיקע ענדערונג אינעם מהות פון אָט־דעם מענטשן. ער האָט אָפּגעלאָזט זיין

פּראָפּעסיע און געלעבט פון דעמאָלסט אָן פון מעבל־פּאָלירעריי. עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן אים נאָך געקאָנט פון דער יוגנט, האָבן פאַרזיכערט, אַז מעט איז פריער געווען אַ מענטש מיט דורכשניטלעכע פעיקייטן און קיינמאָל נישט גענומען קיין בוך אין האַנט אַריין. אָבער נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל, האָט ער אויסגעניצט יעדע פרייע מינוט פאַר זעלבסטשטודיום, געלייענט וויסנשאַפטלעכע ווערק און גובר געווען די שווערסטע פראַגן מיט אַ שפּילעוודיקער לייכטקייט. ס'האָט אויסגעזען, גלייך ווי די שווערע פאַרוווּנדונג האָט ביי אים גורם געווען אַ פּלוצימדיקע ענדערונג אין אַלע זיינע גייסטיקע נייגונגען און פעיקייטן. ער אַליין האָט דאָס, קענטיק, אויך געפילט, ווייל אָפט, ווען ער איז געשטאַנען אויף דער רעדנער־טריבונע, פלעגט ער וויזן זיינע צוהערער די דריי לעכער אויף זיין קאָפּ און דערקלערן מיט ביטערן הומאָר, אַז מ'וואָלט אַ סך מענטשן געדאַרפט מאַכן אַזעלכע לעכער אין קאָפּ, ביכדי זייערע געהירן מאַכן צוגענגלעך פאַר ערנסטערע עיניינים. יענער אומגליקספאַל איז מיסתמא געווען די סיבה פון זיין מאַנגל אין אינערלעכן גלייכגעוויכט. ווען מ'האָט אים באַטראַכט, האָט מען שטענדיק געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיינע גרויסע גייסטיקע און אַפילו געניאַלע פעיקייטן זיינען ביי אים אויפגעקומען אויפן חשבון פון דער אָפּשוואַכונג פון זיין אינערלעכער זעלבסטבאַהערשונג. דאָס איז געווען אַ גרויסער חסרון ביי אים, אָבער מ'האָט מיסתמא צו דעם גאָרנישט געקאָנט טאָן. עס איז אַ חידוש, וואָס מעט סאָליד האָט קיינמאָל נישט געפּרוווט זיינע אָפט זייער אָריגינעלע געדאַנקען צו פאַרצייכענען אויפן פּאַפּיר. איך ווייס פון אַ סך, וועלכע האָבן שטאַרק אויסגענוצט מעטס קענטעניש; ער אַליין אָבער האָט זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט זיינע קענטעניש פונאַנדערגעטיילט מיט אָפענע הענט און זיי קיינמאָל נישט אַרויסגעברענגט שריפטלעך.

בשעת מיין דעמאָלסטיקן אויפהאַלט אין לידז האָבן מיר אויך געהאַט די געלעגנהייט צו באַגריסן אונדזער פריינט רודאָלף לאַנגע, וועלכער איז געקומען צו אונדז צו גאַסט. ער איז דעמאָלסט געווען שטאַרק אַקטיוו אין דייטשלאַנד פאַר אונדזער באַוועגונג. די סיבה פון זיין באַזוך איז געווען אַן אונטערנעמונג, וועלכע איך האָב אָנגעהויבן צוזאַמען מיט טאַני פּעטערסען און מאַקווין, צו העלפן און שטיצן די דייטשע באַוועגונג דורך אַרויסגעבן שריפטן, וועלכע האָבן ביי די דעמאָלסטיקע פאַרהעלטענישן אין דייטשלאַנד דאָרט נישט געקענט געדרוקט ווערן. פּעטערסען, איינער פון די געוועזענע אַרויסגעבער פון אונדזער דענישן בלאַט „פּראָלעטארען“, האָט אין זיין וווינונג איינגעריכטעט אַ קליינע דרוקעריי און האָט אין זיין פרייער צייט צוגעגרייט דעם זאַץ, בעת איך האָב צוגעגרייט די איבערזעצונג. לאַנגע איז דעריבער ספּעציעל געקומען קיין לידז, זיך דורכצורעדן מיט אונדז און אָנקניפּן די נייטיקע פאַרבינדונגען אַריבערצופירן די שריפטן איבער דער דייטשער גרענעץ.

אין צווישנצייט האָט די באַוועגונג אין לאָנדאָן ווידער באַקומען אַ שטאַרקן אויפלעב, און די יידישע חברים האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן פּלאַן באַנייס אַרויסצוגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד“. ביי אַט־די אומשטענדן האָב איך באַשלאָסן נאָכצוגעבן די פאָדערונגען פון די חברים, מחמת לאָנדאָן האָט פאַר דער אַלגעמיינער באַ־

וועגונג געהאַט אַ פיל גרעסערען באַטייט ווי לידז. אַזוי אַרום איז דער לעצטער נו־מער פון „זשערמינאַל" אַרויס אין סעפּטעמבער 1902 אין לידז, אָבער דער קומענ־דיקער נומער איז שוין אַרויס אַ חודש שפּעטער אין לאָנדאָן.

ס'איז מיר נישט געווען לייכט זיך צו שיידן פון די חברים אין לידז. ס'איז, אינ־דערזמתן, שווער זיך פאָרצושטעלן אַ שענערן קרייז ערנסטע, קרבנות־גרייטע און גייסטיק־רירעוודיקע חברים, וועלכע זאָלן זיין אַזוי נאָענט און אַזוי האַרמאָניש צונויפּ־געבונדן צווישן זיך. אינעם גייסטיקן מידבר, וועלכעס דאָס אַלגעמיינע לידז האָט מיט זיך דעמאָלסט פאָרגעשטעלט, איז יענע גרופּע געווען אַ גרינער אָאַזיס מיט שפּרודלענדיקע קוואַלן, ווו מ'האָט געקאָנט לגמרי פאַרגעסן די גרויסע וויסטעניש פון דער אַרומיקער סביבה. אָן שום ספק, אַז דאָסדאָזיקע יאָר אין לידז באַלאַנגט צו די שענסטע און איינגענעמסטע דערמאָנונגען פון יענער שוין לאַנג פאַרשווונדענער צייט.

# דער גרויסער אויפלעב פון דער באַוועגונג אין לאָנדאָן

אין לאָנדאָן האָט פּאַקטיש געפּלאַצט דאָס אייז. דער אינערלעכער קריזיס, וועל־כער האָט במשך פון כימעט צוויי יאָר פּאַראַליזירט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, איז גליקלעך איבערגעקומען געוואָרן. אומעטום איז געווען דייטלעך צו באַמערקן אַ נייעם גייסט. צו אונדזערע וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען פלעגן איצט קומען פיל מער באַזוכער ווי ווען־ס׳איז פריער. אויך די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועלכע האָבן אין דער צייט פון דער בורן־מילחמה אין דרום־אַפריקע פּונקט אַזוי פיל געליטן ווי אונדזער אייגענע באַוועגונג, האָט ווידער אָנגעהויבן קומען צו זיך און ס׳איז אויך ביי איר געווען צו מערקן אַ דערפרייענדיקן אויפלעב. ס׳זיינען ווידער פאָרגעקומען שטרייקן און ס׳איז ווידער אָנגעפירט געוואָרן פּראָפּאַגאַנדע, ביכדי צו אָרגאַניזירן די מאַסן און זיי מאַכן פאַרשטיין די וויכטיקייט פון נייע קאַמפן. חוץ דער גרופּע „אַר־בייטער־פריינד" איז אין איסט־ענד געווען נאָך אַ היפּשע צאָל אַנדערע גרופּן, וועלכע האָבן אַלע האַרמאָניש געאַרבעט צווישן זיך. אויך אויף דער מערב־זייט איז געשאַפן געוואָרן אַ זייער רירעוודיקע גרופּע, וועלכע האָט אַראַנזשירט וועכנטלעכע רעפעראַטן און אונטערגעשטיצט אונדזער געמיינזאַמע אַרבעט אַזוי גוט ווי זי האָט געקאָנט. קודם־כל אָבער האָט דאָס יאָר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין לידז, און די נאָענטע פערזענלעכע באַציונגען, וואָס איך האָב אָנגעקניפּט מיט די חברים אין פּראָווינץ. פיל צוגעהאָלפן איינצושטעלן רעגלמעסיקע באַציונגען צווישן לאָנדאָן און די אַנדערע שטעט, וועלכע זיינען אונדז איצט גוט צונוצגעקומען.

באַלד נאָך מיר איז אויך חבר איזאַקאָוויטש געקומען קיין לאָנדאָן, ביכדי צוזאַ־מען מיט די אַנדערע חברים דורכצופירן אַלע טעכנישע צוגרייטונגען פאַר דער באַ־נייאיקער דערשיינונג פון אונדזער בלאַט. איין טייל פון די חברים האָט געוואָלט אַרויסגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד" תיכף נאָך מיין צוריקקער קיין לאָנדאָן, אָבער די פריערדיקע דערפאַרונגען האָבן אונדז געלערנט, ווי געפערלעך ס׳איז צוצוגיין צו אַזאַ אונטערנעמונג מיט ליידיקע הענט. האָבן מיר דעריבער באַשלאָסן דאָס מאָל אַביסל אונטערצוואַרטן און מאַכן גרינטלעכע צוגרייטונגען, ביכדי מיר זאָלן נישט זיין געצוווּנגען נאָך אַ קירצערער אָדער לענגערער צייט אים ווידער אָפּצושטעלן, ווי דאָס האָט ביז איצט כסדר פּאַסירט. די רעזולטאַטן האָבן אונדז אויך באַוויזן, אַז אָט־דער וועג איז געווען דער בעסערער, ווייל פון איצט אָן האָט דער „אַרבייטער־

פריינד" געקאָנט אַרויסגיין רעגלמעסיק יעדע וואָך ביז צום צווייטן יאָר פונעם ערשטן וועלטקריג, ווען ער איז פון דער רעגירונג איבערגעוואַלט אָפּגעשטעלט געוואָרן. מיר האָבן אויך שפּעטער געהאַט צו קעמפן פון צייט צו צייט מיט מאַטעריעלע שוועריקייטן, אָבער די באַוועגונג איז געווען גענוג שטאַרק, ביכדי אונדז צו העלפן גובר צו זיין אַלע שטרויכלונגען.

אין די צוויי ווייִנאַכטסטעג פון יאָר 1902 איז אין ווייטשעפּעל פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינער צוזאַמענפאָר פון די יידישע אַנאַרכיסטן, וועלכער איז געווען אויסגעוויינ־לעך גוט באַזוכט און אויף וועלכער ס'האָט זיך געמערקט אַ גאָר גוטע געמיט־שטי־מונג. אויפן סדר־היום זיינען געשטאַנען פיר פונקטן: 1. דאָס באַנייאיקע אַרויסגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד"; 2. די גרינדונג פון אַן אייגענעם קלוב; 3. דאָס אַרויסגעבן ביכער און בראָשורן; 4. דער צונויפנעם פון אַלע פאַראַנענע גרופּן אין לאָנדאָן און אויך אין דער פּראָווינץ אין אַן אַנאַרכיסטישער פעדעראַציע. דער צוזאַמענפאָר האָט דערליידיקט אַלע זיינע אַרבעטן אין דער בעסטער שטימונג און אין פולער האַרמאָניע. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער ערשטער נומער פון אונדזער אַלטן קאַמפּס־אָרגאַן זאָל אַרויסגיין דעם 20טן מערץ 1903, ביכדי צו געבן אַ מעגלעכקייט די חברים אומעטום צו טאָן אַלעס, וואָס איז נייטיק, אַז דאָס בלאַט זאָל זיין גוט פאַרזיכערט פאַר דער צוקונפט און האָבן אַ גוטן פונדאַמענט.

אין מערץ איז טאַקע אַרויס דער ערשטער נומער פונעם 17טן יאָרגאַנג. די גרופּע „אַרבייטער־פריינד" איז ווידער פאַרטרויט געוואָרן מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער צייטונג, אָבער דער „אַרבייטער־פריינד" איז פון דעמאָלסט אָן אַרויסגעגאַנגען ווי דער אָרגאַן פון די פעדערירטע יידיש־שפּרעכנדע אַנאַרכיסטישע גרופּן אין גרויסבריטאַניע און אין פּאַריז. אין זעלביקן חודש איז אויך אַרויס דער לעצטער נומער פונעם „זשערמינאַל", וועלכער האָט ערשט אין יאַנואַר 1905 דערוואַכט צום נייעם לעבן; אָבער פון דעמאָלסט אָן איז ער שוין נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן פון מיר פּערזענלעך, נייערט פון אַ גרופּע, וועלכע האָט מיך באַשטימט פאַרן פאַראַנט־וואָרטלעכן רעדאַקטאָר, אַזוי אַז די טענדענץ איז געבליבן דיזעלביקע. דאָס אָפּשטעלן דעם זשורנאַל איז מיר דעמאָלט אָנגעקומען באַזונדערס שווער; איך האָב אים אַרויס־געבראַכט במשך פון דריי יאָר צייט ביי די שווערסטע פּערזענלעכע אָנשטרענגונגען; ער איז, אינדעראמתן, געווען מיין שווער און מיט יסורים אויסגעהאָדעוועט קינד, וואָס טאַקע דערפאַר האָב איך זיך געפילט מיט אים אַזוי ענג פאַרבונדן. איך בין דאָך נישט געווען בלויז דער רעדאַקטאָר, נייערט איך האָב דאָך אויך געמוזט אויסזעצן אַליין דעם זאַץ מיט מיינע אייגענע הענט און נאָך צוצוגרייטן צום דרוק און טאָן אַלעס איבעריקע. אָבער איצט בין איך שוין נישט געווען אימשטאַנד דאָס אַלעס צו טאָן; ס'איז מיר פשוט פיזיש געווען אוממעגלעך. דאָס רעגלמעסיקע אַרויסגעבן אַ וואָכנ־בלאַט ווי דער „אַרבייטער־פריינד", איז שוין פאַר זיך אַליין נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט. אָבער איך בין נאָך חוץ דעם כסדר געווען באַשעפטיקט ווי אַ רעדנער און נישט בלויז אין אונדזער אייגענער באַוועגונג, נייערט אויך אין די הונדערטער פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען און בעת פאַרזאַמלונגען פון שטרייקער. צו דעם זיינען נאָך

צוגעקומען די אַרויספאָרן איבער דער פּראָווינץ צו געבן רעפּעראַטן און הונדערטער אַנדערע זאַכן, וועלכע זיינען אין אַ באַוועגונג אומפאַרמיידלעך. מיין צייט איז שוין אַפּילו נישט געווען גענוג אַפּילו פאַר דעם, וואָס האָט אומבאַדינגט געמוזט געטאָן ווערן. ביי אַזעלכע אומשטענדן האָב איך שוין מסכים געווען אָפּצושטעלן דעם „זשער־מינאַל", דערווייל לפּחות, ווען אַפּילו דאָס איז מיר אָנגעקומען שווער.

אגב, זיינען מיר אַלע געווען איבערגעלאָדנט מיט אַרבעט, וועלכע מ'איז בלויז אימשטאַנד דורכצופירן דעמאָלסט, ווען מ'איז אין דער פולער יוגנטלעכער עלטער. ס'איז אָבער געווען אַן אינערלעכע פרייד זיך אויסצולעבן מיטן גאַנצן פאַרנעם און אין שטאָלצן באַוווסטזיין, אַז מ'אַרבעט פאַר א גרויסער זאַך, וועלכע ליגט אונדז אַלעמען אַזוי טיף אין דער נשמה. די אַלגעמיינע שטימונג צווישן די יידישע אַרבע־טער אין לאָנדאָן האָט זיך אין די לעצטע צוויי יאָר אַזוי גרינטלעך געענדערט, אַז אַפּילו די שווערסטע אַרבעט איז דורך אונדז געטאָן געוואָרן מיט אינערלעכער באַ־פרידיקונג. מיר אַלע האָבן געפילט, אַז פאַר אונדז ליגט אַ גרויס אומבאַאַרבעט פעלד, וועלכעס גאַרט בפירוש נאָך אַ גוטן פאַרזיי. אונדזערע חברים זיינען געווען אַקטיוו אין אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, און די גרויסע דערציונגס־אַרבעט, וועלכע איז דאָרט אָנגעפירט געוואָרן, איז כימעט אויסשליסלעך געקומען פון די אַנאַרכיסטן. פאַקטיש זיינען כימעט אַלע דעמאָלסט אין דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג באַקאַנ־טע רעדנער געווען אַנאַרכיסטן. ס'איז דאָ נאָך צוגעקומען דער איינפלוס פון אונדזער בלאַט, אין וועלכן כימעט אַלע אַרבעטער־פאַריינען האָבן פאַרעפנטלעכט זייערע קאָ־מוניקאַטן. די צייט איז אין אַלגעמיין געווען אַ זייער רירעוודיקע און אַרויסגערופן גרויסע האָפענונגען פאַר דער צוקונפט.

אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט האָט זיך אַנטוויקלט אַ קרעפטיקע נייע באַוועגונג, וועלכע האָט מיט אייניקע יאָר שפּעטער געדאַרפט האָבן אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אויך ביי דער ענגלישער אַרבעטערשאַפט. אין פראַנקרייך האָט דער רעוואָלוציאָנערער סינדיקאַליזם אַרומגעכאַפּט מיט א געוואַלטיקער קראַפט ברייטע שיכטן פונעם אַרבעטערקלאַס און באַנייס געמאַכט אויפשטיין תחית־המתים די אַלטע טראַדיציעס פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל. בעת די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן כימעט במשך פון דריי צענדליק יאָר האָפענונגסלאָז צעשפּליטערט די פראַנצויזישע אַרבע־טערשאַפט, האָבן די סינדיקאַליסטן אין דער „קאָנפעדעראַסיאָן זשענעראַל די טראַ־וואַי" באַוויזן צו פאַרייניקן די אַרבעטער ווי אַ האָרעפּאַשנעם קלאַס און דאָס געטאָן אויפן סמך פון אַ פעדעראַטיוון סאָציאַליזם, וועלכער האָט איינגעזען אין די עקאָנאָ־מישע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער די נייטיקע אָרגאַנען פאַר אַ סאָציאַליסטישער איבעראָנדערשונג פון דער געזעלשאַפט און אין זיינע מעטאָדן האָט ער פאַרטראָטן די דירעקטע אַקציע פון די מאַסן, וועלכע האָט זיך געדאַרפט פאַרענדיקן מיט דער אידעע פונעם סאָציאַלן גענעראַלשטרייק.

מ'האָט אין יענע יאָרן בולט געפילט, אַז דער פּאַראַליזירנדיקער איינפלוס, וועלכן די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט געהאַט אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, הייבט זיך אָן וואַקלען און דער שווערפּונקט וואַרפט זיך

ווידער אַריבער אין די לאַטייַנישע לענדער. בעת מ׳האָט אינעם רוב לענדער אין משך פון כימעט דריי צענדליק יאָרן גערעדט נאָר וועגן דער דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורכן אַרבעטערקלאַס, האָט מען איצט ווידער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דער דעראָבערונג פון די פעלדער און פאַבריקן און דער באַזייטיקונג פון דער מלוכה דורך דער פּאַרוואַלטונג פון די זאַכן, ווי מ׳האָט דאָס נישט געהערט רעדן פון זינט די טעג פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל. דער געדאַנק פון די אַלטע אינטערנאַציאָנאַליסטן אין פראַנקרייך, שפּאַניע, בעלגיע, האָלאַנד און דער פראַנצויזישער שווייץ, אַז די אַלוועלטלעכע פּאַריייניקונג פון די אַרבעטער דאַרף זיין אַ מער־וויַניקער געטריי בילד פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט פון דער צוקונפט, האָט ווידער באַקומען נייע פּאָרמען. דעריבער האָט מען אָקעגנגעשטעלט דעם פּאָליטישן צענטראַליזם פון די דייטשע סאָציאַליסטן און פון זייערע אָנהענגער אין אויסלאַנד, וועלכער איז געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ קאָפּיע פונעם שטאַט, אַ פעדעראַטיוון פאַרבאַנד פון זעלבסטשטענדיקע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע די פרייהייט פונעם אייגענעם דענק־אופן און פונעם אייגענעם אַקטואירן זאָלן זיך נישט דאַרפן שטענדיק אָנשטויסן אינעם טויטן רע־דערגעווערק פון אַ פּאָליטישן אַפּאַראַט און סיסטעמאַטיש דערשטיקט ווערן; מ׳האָט ווידער דערקענט, אַז די אָרגאַניזאַציע פון די מאַסן דאַרף נישט דעגענערירט ווערן צו אַ פּוסטן זעלבסטצוועק, נייערט זיין אַ מיטל פאַר אַ העכערן צוועק, ביכדי צו דערגיין צו אַן אָרגאַנישער איבעראַנדערשונג פון דער געזעלשאַפט אויפן יסוד פון קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט און א גערעכטן פּאַרטייל פון די פּראָדוקטן.

דידאַזיקע נייע באַוועגונג, וועלכע איז נישט בלויז אַרויסגעטראָטן קעגן דער מאָנאָפּאָליזירונג פון דער ווירטשאַפט דורך אַ פּריווילעגירטער מינדערהייט, נייערט אויך זיך באַמיט נישט צו דערלאָזן צו דער סכנה פון א מלוכה־קאַפּיטאַליסטישער ביוראָקראַטיע אין דער צוקונפט, האָט דעמאָלט באַקומען אין אַלע לאַטייַנישע לענדער אַ שטאַרקן אויפלעב און איר ווירקונג האָט זיך געלאָזט דייטלעך באַמערקן אַפילו אין יענע לענדער, וועלכע זיינען קיינמאָל נישט געהאַט באַווירקט געוואָרן פון דער אידעאָלאָגיע פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, און די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז זיי ביז דעמאָלט געווען באַקאַנט בלויז אין דער פאָרעם פון פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטייען. דער גענעראַל־שטרייק אין באַרסעלאָנאַ אין יאָר 1902 און שפּעטער אין רעוס, סאַבאַדעל און בילבאַאָ, פּונקט אַזוי ווי די גרויסע באַוועגונג אינעם קליינעם האָלאַנד אין מערץ 1903, האָבן געגעבן די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט אַן אָנשויונגס־לעקציע, וועלכע האָט פאַר זיי דערעפנט גאַנץ נייע פּערספּעקטיוון פאַר דער צוקונפט. דידאָזיקע קרעפטיקע מאַניפעסטאַציעס פון דער אַרבעטערשאַפט זיינען געווען בולטע סימנים, אַז ס׳האַלט אין אויפקומען א נייער גייסט און אַז די אידעע פונעם גענעראַל־שטרייק איז בשום אופן נישט געווען קיין גענעראַל־אומזין, ווי מ׳האָט אים געהאַט כאַראַקטעריזירט אין דייטשלאַנד, נייערט איז געלעגן בפירוש אין די ראַמען פון דער מעגלעכקייט, ביתנאַי אויב ס׳איז פאַראַן דער ווילן צו דעם. דער פאַקט אַליין, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין

בעלגיע, שוועדן און עסטרייך האָבן שפּעטער אַליין אויך געמוזט אָנקומען צום פּאָ־ליטישן מאַסנשטרייק, ביכדי אויסצופּועלן דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט, יאָ, אַז אַפילו אין אַזאַ אַבסאָלוטיסטיש לאַנד ווי רוסלאַנד איז דער אַלגעמיינער שטרייק געווען דאָס לעצטע מיטל, וועלכעס האָט געצוווּנגען דעם צאַר צונויפצורופן אַ דומע, דאָס האָט געמוזט ווייזן יעדן איינעם, אַז טיפגרייכנדיקע ענדערונגען אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן קאָנען אויסגעפּועלט ווערן נאָר דורך דער באַוועגונג פון ברייטע פאָלקסמאַסן.

איך האָב זיך דעמאָלט שטאַרק באַמיט קלאָר צו מאַכן פאַר די יידישע אַרבעטער דעם באַטייט פון אָט־דער נייער באַוועגונג. איך האָב עס געטאָן דורך דער צייטונג און ביי פאַרזאַמלונגען, אויך דורך וועכנטלעכע באַריכטן וועגן די געשעענישן אין אויסלאַנד. קודם־כל אָבער האָב איך זיך באַמיט זיי צו געבן צו פאַרשטיין און זיי איבערצייגן, אַז אַזאַ שענדלעכער עקספּלואַטאַציע־סיסטעם ווי די אַרבעט אין די שוויצשעפּער און שוויצאינדוסטריעס אין איסט־ענד קאָן אָפּגעשאַפט ווערן נאָר דורך אַן אַלגעמיינער באַוועגונג פון אונטן.

אָבער איך האָב אויך געוווּסט, אַז דאָס אַליין איז נישט גענוג. מענטשן, וועל־כע זיינען ערנסט אַקטיוו אין אַ סאָציאַלער באַוועגונג, מוזן זיך תמיד שטעלן די פראַגע, דורך וועלכע מעטאָדן מ׳קאָן צום בעסטן געווינען פאַר די נייע אידעען די עמפּינדלעכע טיילן פונעם פאָלק און זיי מאַכן באַוווּסטזיניק מכוח זייער געזעל־שאַפטלעכער לאַגע. אַן ענדגילטיקע תשובה אויף אָט־דער פראַגע איז נאַטירלעך קיינמאָל נישט פאַראַן, ווייל אונדזער טעטיקייט אין אָט־דער ריכטונג ווערט תמיד באַשטימט דורך דער סאָציאַלער סביבה, אין וועלכער מיר זיינען געצוווּנגען צו לעבן. אויך אין דעם פאַל קאָן אונדז דינען ווי אַ וועגווייזער נאָר די פּראַקטישע דערפאַרונג. וואָס פאַרשידנדיקער ס׳זיינען די מיטלען, דורך וועלכע מיר באַוועגן אַנדערע צו דענקען, אַלץ בעסערע רעזולטאַטן וועלן מיר דערמיט דערגרייכן. דאָס וואָרט פּראָפּאַגאַנדע האָט שוין פון לאַנג באַקומען אַ נישט אָנגענעמען ריח, ווייל מ׳פאַרשטייט אונטער אים הויפּיק בלויז דאָס זשאָנגלירן מיט פּוסטע שלאָג־ווערטער, וועלכע זיינען מיט דער צייט שוין נישט אימשטאַנד אַרויסצורופן אַ ממשותדיקע אילוזיע. יעדע אמתע פּראָפּאַגאַנדע דאַרף דעריבער באַטראַכט ווערן ווי אַן ערנסטע דערציונגס־אַרבעט, וועלכע באַוועגט מענטשן צום זעלבסטשטענדיקן דענקען און פאַרפונדעוועט זייער אויסגעאַרבעטע איבערצייגונג.

ס׳איז נישט גענוג ביי יעדן מאָל פונדאָסניי אַרויסצוהייבן די סאָציאַלע צרות, וועלכע באַדריקן אונדז; ס׳איז אויך נויטיק צו צעעפענען פאַר די מענטשן נייע פּערספּעקטיוון און שענער און טיפער אויסצוגעשטאַלטיקן זייער גייסטיק לעבן. אַ באַשטענדיקע און איינטאָניקע איבערחזרונג אין דער שילדערונג פון די געזעל־שאַפטלעכע מכות פאַרלירט ביסלעכווייז איר ווירקונג, ווען זי ווערט נישט אונטער־געשטיצט מיט קאָנקרעטע ביישפּילן און פאַרלייגן, וועלכע זאָלן זיין גורמים פון נייע גייסטיקע אָנרעגונגען. אויך דאָס כסדרדיקע פאַררופן זיך אויפן אַזויגערופענעם קלאַסן־באַוווּסטזיין קאָן אונדז דאָ גאָרנישט העלפן, מחמת עס האַנדלט זיך דאָ אינעם רוב פון די פאַלן אין אַ צוגעטראַכטן באַגריף, אין אַ בלויזן ווונטש, וועלכער

קאָן בלויז זעלטן־ווען אויסהאַלטן אַן ערנסטן אַנאַליז, ווי דאָס האָט אונדז טאַקע אַזוי קלאָר באַוויזן די היינטצייטיקע געשיכטע. דאָס גייסטיקע לעבן פונעם מענטשן ווערט קיינמאָל נישט באַשטימט אויסשליסלעך אָדער בלויז בעיקר דורך זיין באַלאַנגען צו אַ באַזונדערן קלאַס, נאָר דורך די טעגלעכע איינדרוקן, וועלכע ער באַקומט פון דער געזעלשאַפט ווי אַ גאַנצער. שוין דער פאַקט, אַז דער גרעסטער רוב פון די פּיאָנערן פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע אין אַלע לענדער איז נישט אַרויסגעקומען פונעם פּראָלעטאַריאַט, נייערט פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, מעג אונדז אויסהיטן זיך נאָכצויאָגן נאָך אילוזיעס, וועלכע זיינען דורך גאָרנישט באַגרינדעט.

דאָס, וואָס דערנענטערט דעם רוב מענטשן פון אַ געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג, זיינען נישט די אוממיטלבאַרע מאַטעריעלע רעזולטאַטן פונעם מאָדערנעם עקאָנאָמישן לעבן, נייערט אַ באַליידיקט גערעכטיקייט־געפיל, וועלכעס בונטעוועט זיך קעגן אָט־די פאַרהעלטענישן. אפילו דער אומבאַדייטנדיקסטער לוינקאַמף וואָלט געווען לגמרי אוממעגלעך, ווען מ׳נעמט נישט אַריין אין חשבון די הנחה פון באַשטימטע עטישע מאָטיוון. דאָס באַשטענדיקע אַפּעלירן צו דער סאָלידאַריטעט, אָן וועלכער אפילו די לייכטסטע פאַרבעסערונג וואָלט געווען אוממעגלעך, שטאַמט שטענדיק פונעם מענטשנס עטישן געפיל, וועלכעס באַוועגט אים צו דער פּראַקטישע אַקטיוויטעט פון זיין געפיל פאַר גערעכטיקייט. וואָס שטאַרקער דאָסדאָזיקע געפיל פאַר גערעכטיקייט פאַרפונדעוועט זיך אינעם מענטשנס באַוווסטזיין, אַלץ שטאַרקער איז די אַקצענטואירונג פון זיינע מעשים און פון זיינע מחשבות. אָבער אַזעלכע באַגריפן וועגן גערעכטיקייט קאָנען נישט צוגעשריבן ווערן צו די אוממיטלבאַרע ווירקונגען פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן, נייערט אויף די אַלגעמיינע רעזולטאַטן פון אונדזער געזעלשאַפטלעכער קולטור, צו וועמעס אַנטשטיי און אויפקום ס׳האָבן מיטגעאַרבעט אָן אַ שיעור דורות און מענטשן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע שיכטן. די דערגרייכונגען פון דערדאָזיקער קולטור לאָזן זיך נישט אָפּשאַצן נישט פונעם שטאַנדפּונקט פון דער צוגעהעריקייט צו אַ קלאַס און אויך נישט דערקלערן בלויז ווי דער מאָמענטאַנער רעזולטאַט פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פּשוט דערפאַר, ווייל די עקאָנאָמיע גופא איז דאָך נישט עפּעס אַנדערש ווי איינע פון די פילפאַכיקע דערשיינונגס־פאָרמען פונעם אַלגעמיינעם קולטור־אויסדרוק. די מאָדערנע אינדוסטריע און די נייע באַדינגונגען פון דער פּראָדוקציע זיינען נישט די באַשאַפער, נייערט בלויז דער פּועל־יוצא פון דער היינטיקער קולטור. אָן דעם מעכטיקן אויפלעב פון די נאַטור־וויסנשאַפטן אין 19טן און 20סטן יאָרהונדערט און אָן זייער פּראַקטישער אַנווענדונג אויף די געביטן פון דער טעכניק, מעכאַניק און כעמיע וואָלט די איבעראַשנדיקע אַנטוויקלונג פון די היינטיקע פאָרמען פון דער פּראָדוקציע און די רעוואָלוציע פון אונדזער גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן לגמרי געווען אוממעגלעך.

אָבער פון דעם דרינגט אויך אַרויס, אַז נישט אַלעס, וואָס די היינטיקע געזעלשאַפט פאַרמאָגט אין קולטורעלער עשירות, איז שלעכט אין דער גלייכער מאָס און

צייטיק פאַרן אויפּרייס. די אויפבראויזנדיקע פּעלערהאַפּטיקייט פונעם הערשנדיקן עקאָנאָמישן סדר, זיין נישט־צוגעפּאַסטקייט פאַר ברייטע שיכטן פונעם פאָלק און די באַשיימפּערלעכע אומגערעכטיקייט אויף אַן אַ שיעור געביטן פון אונדזער פּאָ־ליטישן און סאָציאַלן לעבן זיינען נאָך נישט קיין מאָס פאַר דער קולטור ווי אַזעל־כער. דאָס, וואָס די מענטשלעכע ציוויליזאַציע האָט אין משך פון אַ סך דורות גע־שאַפן אויפן געביט פון גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע ווערטן, קאָן ווי געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן נאָר ווען ׳באַטראַכט עס אין גאַנצן געזאַמל. זי האָט אויסגעברייטערט אונדזער וויסן אין אַזאַ פאַרנעם, אַז מ׳קאָן אים קוים אַרומנעמען, און אויף אַלע געביטן פונעם מענטשלעכן געדאַנק אויסגעצייטיקט אַזעלכע דערגרייכונגען, וועלכע זיינען אייביקע אומפאַרווישבאַרע. דאָס, וואָס דעם מענטשנס אינטעלעקט האָט אויפ־געטאָן און דורכגעפירט אין די ראַמען פון דער וויסנשאַפט, דער קונסט, דער לי־טעראַטור און אויף אַלע געביטן פון דער פילאָזאָפישער און עסטעטישער שאַפונג, איז און פאַרבלייבט דאָס קולטורעלע פאַרמעג פון אונדזער דור און פון אַלע קומענ־דיקע דורות. דאָ איז דער נאַטירלעכער פאַרבינדונגס־פּונקט פאַר יעדער ווייטער־דיקער סאָציאַלער אַנטוויקלונג די בריק, וועלכע פירט פון דער פאַרגאַנגענהייט צו דער צוקונפט.

דאָס, וואָס אויפן סמך פון די באַשטייענדיקע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן זיינען היינט מיליאָנען מענטשן קוים אין דער לאַגע זיך צו באַנוצן מיט די בעסטע גייס־טיקע דערגרייכונגען פונעם קולטורעלן לעבן, איז נישט ווייניקער צום באַדויערן ווי דער אומשטאַנד, וואָס נישט געקוקט אויף דער געהעכערטער פּראָדוקציע־פעיקייט פון די מאָדערנע אַרבעטס־מעטאָדן קאָנען זיי נישט געפינען קיין שום זיכערקייט פאַר זייער מאַטעריעלער עקזיסטענץ און זיי מוזן זיך תמיד באַגנוגענען מיטן אָפּפאַל פונעם לעבנס־טיש.

טאַקע דערפאַר איז די סאָציאַלע פראַגע פון אונדזער צייט נישט קיין איינפאַכע עקאָנאָמישע פראַגע, נייערט אַ פּראָבלעם, וועלכעס נעמט־אַרום אַלע געביטן פונעם קולטורעלן לעבן. ס׳איז פאַראַן נישט בלויז אַ הונגער פונעם קערפּער, נייערט אויך אַ הונגער פונעם גייסט און פון דער נשמה, וועלכער פאַרלאַנגט זיין רעכט. אָט־דאָס צו געבן דעם מענטשן צו פאַרשטיין איז די איידלסטע אויפגאַבע פון אַ פּראָפּאַגאַנ־דע, וועלכע שטיצט זיך אויף דער דערציונג פון די מאַסן און זי לערנט צו דענקען נישט בלויז מיטן מאָגן, נאָר נעמט אויך אַריין אין חשבון די העכערע פּרעטענזיעס פונעם לעבן און צו פאַרנעמען פאַר זיך אַזויפיל קולטורעלע עשירות וויפל ס׳איז נאָר מעגלעך.

בשעת מיין לאַנגיעריקער טעטיקייט צווישן די יידישע פּראָלעטאַריער פון ענגלאַנד האָב איך געהאַט די בעסטע געלעגנהייט צו באַמערקן, ווי אַזוי מ׳קאָן מאַכן מענטשן עמפּפינדלעך פאַר זאַכן, פאַר וועלכע זיי האָבן פריער קוים געהאַט אַ באַ־גריף. אפילו היינט נאָך האַלט איך יענעם פעריאָד ווי איינעם פונעם פרוכפּעריקסטן אין מיין לעבן, און די אויפריכטיקע און גאַנץ אָפט אפילו רירנדיקע פריינטשאַפט, וועלכער מיינע דעמאָלטיקע חברים האָבן געפילט צו מיר במשך פון זייער גאַנץ

לעבן, איז דאָך זיכער דער בעסטער באַווייז, אַז יענע אַרבעט איז נישט געווען קיין אַרויסגעוואָרפענע, קיין אומזיסטע. די אַרבעט גופא איז נישט געווען לייכט און האָט געפאָדערט אַ סך געדולד. אָבער זי איז געטאָן געוואָרן מיט ליבשאַפט און זי איז פאַר מיר געווען פונקט אַזוי אָנרעגנדיק און באַלערנדיק ווי פאַר יענע, פאַר וועלכע זי איז געטאָן געוואָרן. די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן אין יענער צייט געוווינט אין ענגלאַנד, כסדר אָדער בלויז צייטווייליק, זיינען אַרויסגעפאָרן אונטערן דרוק פון די פאַרהעלטענישן פון רוסלאַנד, פוילן, גאַליציע אָדער רומעניע, ביכדי צו געפינען אַ נייע היים, וועלכע זאָל זיי לפחות גאַראַנטירן פערזענלעכע זיכערקייט. דער רוב פון זיי איז אויסגעוואַקסן אין זייערע היימען אין געטאָ און האָבן אפילו נישט דורכגעמאַכט קיין פשוטע שול־בילדונג. אויב זיי האָבן געקאָנט לייענען און שרייבן, האָבן זיי דאָס געהאַט צו פאַרדאַנקען בלויז דעם אומשטאַנד, וואָס כימעט אַלע זייבען זיי אין זייער יוגנט במשך פון אייניקע יאָר געגאַנגען אין חדר. די איינציקע שפּראַך, וואָס זיי האָבן געקאָנט, איז געווען יידיש, אַ פונעם מיטלאַלטער איבערגעבומענער דייטשער דיאַלעקט, פאַרמישט מיט אַ סך העברעישע און סלאַווישע באַשטאַנדטיילן. דער רוב פון זיי האָט פאַרשטאַנען אַביסל רוסיש, אָבער ווייט נישט גענוג, ביכדי צו קאָנען שעפּן פון די רייכע קוואַלן פון דער רוסישער ליטעראַטור. דערצו איז געווען אימשטאַנד בלויז אַ קליינע מינדערהייט פון דער יידישער אינטעליגענץ פון די מיזרח־לענדער. אויך העברעיש איז פאַרן רוב געווען אַ פרעמדע שפּראַך, וועלכע זיי האָבן זיך אויסגעלערנט לייענען אין דער פאָרעם פון טויטע תפילות. ס׳זיינען אפילו געווען יחידים צווישן זיי, וועלכע האָבן אין זייערע היימען באַקומען אַ בעסערע דערציונג און האָבן אויך געקאָנט אַביסל העברעיש, אָבער זייער צאָל איז נישט געווען גרויס.

צייטונגען אין דער יידישער שפּראַך זיינען שוין אפילו געווען פון זינט אַ לענגערער צייט; זיי זיינען געווען געדרוקט מיט העברעישע אותיות און פלעגן זיך לכתחילה אָפּגעבן בלויז מיט ברענגען אַלגעמיינע ידיעות פון טאָג. אָבער אַ ליטעראַטור אין יידיש, וועלכע זאָל באמת פאַרדינען דעמדאָזיקן נאָמען, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַנטוויקלען פּאַמעלעך. אַ סך באַרימטע פאָרשטייער פון אָט־דער נייער ליטעראַטור, אַזעלכע ווי אַבראַמאָוויטש, פּרץ, פרוג, אַנ־סקי און אַ לאַנגע שורה אַנדערע, האָבן אָנגעהויבן זייער ליטעראַרישע קאַריערע אין רוסיש און העברעיש, ביז ס׳איז זיי ביסלעכווייז אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז צום פאָלק דאַרף מען רעדן אין זיין אייגענעם לשון, אויב מ׳וויל זיך צו אים דערנענטערן און באַרייכערן זיין גייסטיק לעבן. אַזוי אַרום זיינען אַוועקגעלייגט געוואָרן די ערשטע יסודות פון אַ יידישער ליטעראַטור און מיט איר אויך די יסודות פון דער שפּראַך גופא, וועלכע האָט ביסלעכווייז באַקומען רייכערע און שענערע פאָרמען אין איר געשטאַלטיקונג. דער אַזויגערופענער יידישער זשאַרגאָן, וועגן וועלכן ספּעציעל די דייטשע יידן האָבן גערעדט מיט אַ געוויסער פאַראַכטונג, איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ שפּראַך ווי אַלע אַנדערע שפּראַכן און האָט אין משך פון די לעצטע זעכציק יאָר אַרויסגעבראַכט אַ היפּשע ליטעראַטור, וועלכע קאָן פאַרגליכט ווערן לויט איר פאָרעם און

אינהאַלט אין יעדן פּרט מיט די גייסטיקע און שפּראַכלעכע שאַפונגען פון די קלע־נערע פעלקער אין אייראָפּע. עס האָט זיך דאָ אין קליינעם פאַרנעם איבערגעחזרט דאָס, וואָס מ׳האָט פריער געקאָנט באַמערקן ביי די גרעסערע שפּראַך־גרופּן פון די אייראָפּעישע פעלקער, ווען אַ סך פון די בעסטע קעפּ אין די פאַרשידענע לענדער האָבן אויפגעגעבן דאָס שרייבן אין לאַטייניש און איבערגעגאַנגען אין דער שפּראַך פונעם אייגענעם פאָלק, ביכדי זיך אַזוי אַרום אויסצולעבן שעפעריש. אָבער אין יע־נער צייט, ווען דער צופאַל האָט מיך אַריינגעפירט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, איז נאָך אין ענגלאַנד געווען ווייניק צו מערקן פונעם גייסטיקן אויפלעב, וועלכער איז פאַרגעקומען פּאַמעלעכערווייז אין די געטאָ־שטעט פון מיזרח.

אונטער אָט־די אומשטענדן איז נישט געווען לייכט אַזעלכע סאָרט מענטשן צו געווינען און מאַכן אויפנעם־פעיק פאַר זאַכן, וועלכע זיינען געווען אַזוי ווייט פון זייער גרויער, מיט נויט און דאגות דורכגעדרונגענער סביבה. פונדעסטוועגן האָב איך עס אויסגעפּרוווט און דערמיט דערגרייכט אַזאַ הצלחה, וועלכע האָט אַפילו מיך אַליין איבערגעראַשט. קודם כל האָב איך פון צווישן מיינע נענטערע חברים אויסגעקליבן יענע, וועגן וועלכע איך האָב געהאַלטן, אַז זיי וועלן זיין אימשטאַנד צו האָבן פאַרשטענדעניש פאַר מיין ציל. מיר פלעגן זיך פון צייט צו צייט פאַרזאַמ־לען ביי חברים, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרעסערע דירה, און איך האָב געפּרוווט מיט איינפאַכע ווערטער געבן צו פאַרשטיין מיינע צוהערער דעם באַדייט פון ווערק פון דער בעלעטריסטיק. לכתחילה האָב איך אויסגעקליבן קלענערע דערציילונגען פון דער מאָדערנער אייראָפּעישער ליטעראַטור, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער טיפערן אינהאַלט און מיט דער שיינקייט פון זייער אופן צו באַשרייבן. מיט אַזעלכע ביישפּילן ביי דער האַנט האָב איך געוויזן מיינע יונגע פריינט, ווי אַזוי מ׳דרינגט־אַריין צום בעסטן אינעם זין פון אַ ווערק און מ׳לערנט זיך אויס פאַר־שטיין זיינע מעלות. שפּעטער בין איך אַריבערגעגאַנגען צו איינצלנע שריפטשטע־לער און צו באַהאַנדלען זייערע שאַפונגען אין אַלגעמיין. און דער שטייגנדיקער אינטערעס פון מיינע פריינט האָט מיר באַוויזן, אַז איך האָב צוגעטראָפן דעם ריכ־טיקן טאָן.

צו אָט־די פרייע צונויפטרעפן פלעגן אין דער ערשטער צייט קומען נישט מער ווי צען ביז צוועלף פּערזאָנען. ווען אָבער זייער צאָל איז ביסלעכווייז גרעסער גע־וואָרן, האָבן מיר געדונגען אַ הינטערשטן לאָקאַל פון אַ קליינער אכסניא אין ווייט־שעפּעל, ווו דידאַקטיקע פאַרזאַמלונגען פלעגן באַזוכט ווערן פון דריי ביז פיר צענ־דליק מענטשן. קיין גרויסער אָנהויב איז דאָס נישט געווען, אָבער די באַשיימפּער־לעכע שפּאַנונג, וועלכע יענער קרייז האָט אַרויסגעוויזן צו מיינע אויספירונגען, און דער אומשטאַנד, אַז ווער ס׳האָט איינמאָל באַזוכט דידאַקטיקע צונויפטרעפן, איז שוין געקומען כסדר, האָט מיר בשפע פאַרגיטיקט מיין מי. איינער פון מיינע ערשטע רע־פעראַטן אין יענעם קרייז איז געווען אַ קאָמענטאַר איבער אַנאַטאָל פראַנס קליינער דערציילונג „קרענקעוויל״. איך דערמאָן זיך נאָך זייער שטאַרק דעם איינדרוק, וואָס מיינע אויספירונגען האָבן געמאַכט אויף מיינע צוהערער. די געשיכטע פונעם איינ־

פאַכן גאַסן־הענדלער, וועלכער האָט יאָר־איין יאָר־אויס געשלעפּט איבער די גאַסן פון פּאַריז זיין האַנטוועגעלע מיט גרינוואַרג, ביז ער איז אין אַ געוויסן טאָג, צוליב אַן אומבאַדייטנדיק געשעעניש און אָן זיין אייגענער שולד, געקומען אין קאָנפליקט מיט דער אויטאָריטעט פונעם געזעץ, אויף וועלכן ער האָט אומווילליק עובר געווען און וועלכעס איז געוואָרן זיין אומגליק, האָט געהאַט אויף יענע אָרעמע יידישע אַרבעטער, וועלכע ס׳איז אַליין אויסגעקומען אַזוי שווער צו קעמפן מיט דער נויט פון דער עקזיסטענץ, אַן אויסערגעוויינלעכע ווירקונג. די פּשוטע באַשרייבונג, דורך וועלכער ס׳ווערט דאָ פון אַ גרויסן קינסטלער געשילדערט דער אינערלעכער קאָנפליקט צווישן דעם נאַטירלעכן געפיל מכוח גערעכטיקייט פון אַ מענטשן פון די אונטער־שטע שיכטן פונעם פאָלק מיט דער שטייפער פּאַראַגראַף־חכמה פונעם געזעץ, אין וועלכן דאָס לעבן פונעם אָרעמען קרענקעוויל מוז צעבראָכן ווערן, האָט זיך טיף איינגעגראָבן אין דער נשמה פון מיינע צוהערער און האָט זיי אָן ספק באַוויזן צו מאַכן נענטערע ענלעכע פאַרגלייכענישן מיט זייער אייגענער עקזיסטענץ. אַזעלכע שילדערונגען ווירקן בדרך כלל אויפטרייסלענדיקער ווי די רעוואָלוציאָנערסטע טעאָריעס.

ס׳איז געווען באמת דערשטוינלעך, ווי אויפנעם־פעיק דידאַזיקע פּשוטע, פון שווערער אַרבעט אויסגעמוטשעטע מענטשן, זיינען געווען פאַר נייע געדאַנקען, נאָך־דעם ווי זיי האָבן באַקומען דעם ערשטן שטויס דערצו. דאָס, וואָס זיי האָט געפעלט אין עלעמענטאַרער בילדונג, דאָס האָט זיי פאַרביטן זייער נאַטירלעכע אינטעליגענץ און די אינערלעכע באַדערפעניש פאַר נייע גייסטיקע פּערספּעקטיוון. פון די פראַ־געס, וואָס זיינען מיר נאָך די רעפעראַטן געשטעלט געוואָרן, האָב איך זיך שטענדיק געקאָנט איבערצייגן אין דעם. איך האָב אויף דעם אופן אַליין געלערנט אַ סך און באַקומען ווערטפולע אָנרעגונגען, וועלכע האָבן מיך כסדר באַוויזן צו זוכן נייע מיטלען, ביכדי פאַר מיין צוהערערשאַפט אויפן פּשוטסטן און בעסטן אופן צו ברענ־גען אַזעלכעס, פון וועלכן זיי האָבן פריער מיסתמא נישט געהאַט קיין שום באַגריף. אויך דאָ האָט עס זיך בפירוש אַרויסגעוויזן, אַז יעדע ערנסטע דערציונגס־אַרבעט שטיצט זיך אויף קעגנזייטיקייט. ווער ס׳קאָן גאָרנישט לערנען פון זיינע תלמידים, אפילו פון די איינפאַכסטע פון זיי, יענער האָט טעותדיק אויסגעקליבן זיין לערער־פּראָפעסיע.

יענע ליטעראַרישע רעפעראַטן, וועלכע זיינען אָנגעהויבן געוואָרן מיט אַזאַ באַשיידענעם פאַרנעם, האָבן זיך שפּעטער אַלץ מער פּאָפּולאַריזירט. זיי זיינען גע־געבן געוואָרן אין גרויסע זאַלן און באַזוכט געוואָרן פון הונדערטער מענטשן. דאָס זיינען געווען אמתע יום־טובדיקע שעהן, וועלכע זיינען גערן באַזוכט געוואָרן פון מענטשן פון אַלע ריכטונגען. אויף דעם אופן איז עס מיר דעמאָלט געלונגען באַ־קאַנט צו מאַכן די יידישע אַרבעטער מיט די שאַפונגען פון איבסען, ביערנסאָן, האַמ־סון, סטרינדבערג, זאָלאַ, פראַנס, מירבאָ, איבאַניעס, האַופּטמאַן, מעטערלינג, מול־טאַטולי, וואַילד, טאָלסטאָי, טשעכאָוו, גאָרקי, אַנדרייעוו און אַ סך אַנדערע. שפּע־טער איז מיר אפילו מעגלעך געווען אַריינצונעמען ווערק פון דער קלאַסישער

ליטעראַטור אין די טעמעס פון מײנע רעפעראַטן און ס'האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך פרייד צו באַאָבאַכטן, וואָס פאַראַ שטאַרקן איינדרוק ס'האָבן געמאַכט אויף דידאַזיקע פשוטע אַרבעטער די שאַפונגען פון אַ שעקספּיר, געטע, סערוואַנטעס, פושקין און אַ סך אַנדערע. ביסלעכווייז האָב איך אפילו געפּרוווט פאַראינטערעסירן מיט רעפע־ראַטן וועגן שיינער קונסט און אויך האָב זיך באַמיט צו מאַכן פאַרשטענדלעך פאַר מײנע צוהערער, מיט מוסטערן פון צייכענונגען, סקיצירונגען און קאָפּיעס פון ביל־דער ביי דער האַנט, די שאַפונגען פון גאָיאַ, רעמבראַנדט, דאַמיע, קורבער, מוניע, שטיינלען, לוטשע און אַנדערע. און אויך דאָ האָב איך געפונען אַ גוט פאַרשטענדע־ניש. אַט־די רעפעראַטן זיינען שפּעטער געווען די סיבה, וואָס איך האָב אָרגאַניזירט גרעסערע קאָלעקטיווע באַזוכן אין מוזייס און בילדער־אויסשטעלונגען, ביכדי פאַר מײנע צוהערער מאַכן פאַרשטענדלעכער דעם קינסטלערישן ווערט פון איינצלנע מייסטערס.

אַט־די אַלגעמיינע קולטורעלע אַרבעט, וועלכע איז דעמאָלט אָנגעפירט געוואָרן פון אונדזער ענגערן קרייז אין ענגלאַנד, איז, אגב, נישט געווען בלויז אַ פראַגע פון פערזענלעכן געשמאַק, נייערט אַן אומפאַרמיידלעכע נויטווענדיקייט. ביי אַנדערע פעלקער איז שוין פון זינט הונדערטער יאָרן געווען אַן אַרומנעמענדיקע אַלגעמיינע ליטעראַטור, וועלכע איז געשטאַנען אָפן פאַר יעדן איינעם, ווער ס'האָט זיך מיט דעם אינטערעסירט. אין יידיש אָבער זיינען קוים געווען די ערשטע התחלות פון אַ בעסערער ליטעראַטור, וועלכע האָט זיך אין יענער צייט ערשט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. ביכדי די יידישע אַרבעטער זאָלן זיין אימשטאַנד צו באַנעמען אונדזערע אייגענע אידעען, האָבן מיר כסדר געמוזט פּרווון פאַר זיי פונאַנדערצוועפענען אויך אַנדערע געביטן פון וויסן און דענקען, וועלכע יעדער מענטש פון אַן אַנדער פאָלק האָט אויך לייכט געקאָנט געפינען מחוץ פון אונדזער באַוועגונג.

אונדזער דעמאָלטיקע קולטורעלע אַרבעט האָט שפּעטער באַקומען אַ ווערטפולע דערגענצונג, ווען דער באַקאַנטער יידישער שוישפּילער מ. מאָשקאָוויטש, וועלכער האָט זיך אויך אויף דער ענגלישער בינע דערוואָרבן אַן אָנגעזעענעם נאָמען, האָט איבערגענומען די אָנפירונג פונעם פּאַוויליאָן־טעאַטער אין איסט־ענד. דאָס, וואָס איז אין לאָנדאָן ביז דעמאָלט געווען באַקאַנט ווי יידיש טעאַטער, האָט קוים פאַר־דינט דעמדאָזיקן נאָמען. מאָשקאָוויטש איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט ערשט געמאַכט עפּעס לייטישעס פון דאָרטיקן טעאַטער. דאָס איז נישט געווען אַזוי פשוט, מחמת אויך ער איז גאַנץ אָפט געווען געצוווּנגען אויפצופירן פּיעסן, וועלכע האָבן אים פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט נישט געקאָנט באַפרידיקן. און אַנדערש איז גאָרנישט מעגלעך געווען, ווייל דער אויפהאַלט פון טעאַטער איז געווען פאַר־בונדן מיט גרויסע הוצאות, וועלכע דער בעסערער טעאַטער־עולם אַליין האָט נישט געקאָנט דעקן. אָבער אפילו דורכשניטלעכע, לייכטע פּיעסן האָבן אונטער זיין רעזשי באַקומען אַן אַנדערן אויסזען. דערפאַר אָבער האָט ער אויך מיטגעבראַכט אויפ־צופירן אַ היפּשע צאָל ערשטקלאַסיקע פּיעסן און דערמיט האָט ער זיך פאַרצייכנט אויף זיין חשבון אַן אומשטאַרביקן פאַרדינסט. מאָשקאָוויטש איז געווען אַ באַדייטנ־

דיקער קינסטלער מיט אַ געוויסן פילאָזאָפישן אונטערשלאַג, וועלכער האָט אים צוגעגעבן נאָך מער פעיקייטן פאַרצושטעלן גרויסע כאַראַקטער־ראָלן. איך האָב אים געזען אין די הויפטראָלן פון אַזעלכע פיעסן ווי סטרינדבערגס „פאָטער“, גאָרקיס „נאַכטאַזיל“, איבסענס „גייסטער“ און „ראָזמערהאָלם“, גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול“ און אייניקע אַנדערע און באמת באַוואונדערט זיין טאַלענט. זיין ראָל אין „פאָ־טער“ וועט ביי מיר פאַרבלייבן איינגעקריצט אויפן גאַנצן לעבן. איך האָב שוין אָט־די פיעסע געהאַט געזען אויפגעפירט נאָך פריער פון גרויסע קינסטלער אין פאַרשידענע שפּראַכן, אָבער מאָשקאָוויטש איז לגבי קיין איינעם פון זיי נישט גע־בליבן הינטערשטעליק. אויך זיין „שיילאָק“־ראָל אויף דער ענגלישער בינע האָט אין אָט־דער שעקספּירישער פיגור אַריינגעבראַכט אַ שטריך, וועלכן מ׳האָט אומבאַ־דינגט געמוזט באַצייכענען ווי אַן אָריגינעלן. ער איז געווען אַ קינסטלער, וועלכער איז געווען מסוגל זיך אינגאַנצן אַריינצולעבן אין זיינע ראָלן און אַרויסצובאַקומען פון זיי די פיינסטע שאַטירונגען, ביפרט, וואָס ער איז אין זיין שפּילן קיינמאָל נישט געווען דערזעלביקער, נייערט אָפט אינספּירירט אַנדערש, ביכדי צו פאַרטיפן דעם איינדרוק פון דער פאָרשטעלונג.

אפילו ווי אַ מענטש איז מאָשקאָוויטש געווען אַן אויסגעצייכנטער כאַראַקטער. די פּרעטענציעזע גרויסקייטס־מאַניע, וועלכע מ׳טרעפט אַזוי אָפט אין די קינסטלע־רישע קרייזן, איז אים געווען לגמרי פרעמד. זי איז אים געווען פרעמד שוין דער־פאַר, ווייל ער האָט צו זיך אַליין און צו זיינע פעיקייטן געשטעלט די העכסטע פאָ־דערונגען, אַזוי אַז ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַטראַכט ווי אַ שוין פאַרענדיקטער טאַלענט, נייערט ווי אַזעלכער, וועלכער האַלט זיך אין שטענדיקן אַנטוויקלען. מאָש־קאָוויטש האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע סימפּאַטיע צו אונדזערע אידעען. דאָס איז נאַטירלעך געווען די קולטורעלע זייט פון אונדזערע שטרעבונגען, וועלכע האָט אויף אים געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק. אַזוי האָט ער איינמאָל מיט דער גאַנצער אָפנהאַרציקייט געזאָגט צו מיר: „איך מיין, אַז אַ קינסטלער איז לויט זיין גאַנצן מהות שטענדיק אַן אַנאַרכיסט. און דאָס איז אַזוי נישט אויפן סמך פון באַ־שטימטע סאָציאַלע טעאָריעס, נייערט אויפן סמך פון אַ לעבעדיקן געפיל פאַר פריי־הייט, וועלכעס לייגט נישט אַרויף קיין צוימען אויפן קינסטלערישן אויסלעבן זיך פון דער פּערזענלעכקייט, וואָס אָן דעם איז אומדענקבאַר יעדע אמתע קונסט“.

ווען ער האָט צוגעגרייט עפּעס אַ בעסערע פיעסע צום אויפפירן, האָט ער אונדז געלאָזט וויסן וועגן דעם. און ווו נאָר דאָס איז מיר מעגלעך געווען, האָב איך זיך אין מיינע רעפעראַטן באַמיט באַקאַנט צו מאַכן מיינע צוהערער מיטן גייסט פון אַזעלכע ווערק, איידער זיי זיינען אויפגעפירט געוואָרן אויף דער בינע. מאָשקאָוויטש האָט געוווסט דערפון און ער איז מיר געווען זייער דאַנקבאַר. ער האָט אויך געוווסט, אַז די דאַנקבאַרסטע באַזוכער פון זיינע פאָרשטעלונגען זיינען געקומען פון יענע קרייזן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וועלכע זיינען צום שטאַרקסטן באַאיינ־פלוסט געוואָרן פון דער קולטור־אַרבעט פון די אַנאַרכיסטן פון יענער צייט.

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז גראָד אָט־די אומאיבערגעריסענע אַקטיוויטעט פון

די יידישע אַנאַרכיסטן אין ענגלאַנד און אַמעריקע לטובת דער באַרייכערונג פון דער אַלגעמיינער גייסטיקער קולטור איז פון די באַקאַנטע יידישע ליטעראַטור־קריטיקער כימעט קיינמאָל נישט דערמאָנט געוואָרן. טיילוויז קאָן זיך דאָס דערקלערן מיט זייער אומבאַקאַנטקייט מיט דער געשיכטע פון די דעמאָלטיקע פאַרהעלטענישן; אָבער ס'איז אָן ספק, אַז ס'האָבן דערביי אויך געשפּילט אַ ראָל בכיוונדיקייט, ענגהאַרציקייט און איבערגענומענע איינגלויבענישן. אָבער פונדעסטוועגן פאַרבלייבט עס נישט וויניקער אמת, אַז בפירושע אַנאַרכיסטן, אַזעלכע ווי מ. קאַץ, ה. זאָלאָטאַראָוו, מ. מאָיסעיעוו, י. א. מעריסאָן, ש. יאַנאָווסקי און אייניקע אַנדערע האָבן צוגעטראָגן אַ היפּשן חלק פאַר דער פאַרבעסערונג פונעם קולטור־ניוואָ פון די מיזרח־יידן אין ענגלאַנד און אַמעריקע. יידישע אַנאַרכיסטן אין יענע לענדער האָבן חוץ ריין־אַנאַרכיסטישע שריפטן אויך אַרויסגעגעבן אין דער יידישער שפּראַך אַ גאַנצע ריי פון די בעסטע קולטור־אוצרות פון די פאַרשידענע שפּראַכן און דערמיט האָבן זיי זיך פאַרצייכנט אַן אומאָפּפרעגבאַרן פאַרדינסט.

ביי אָט־דער געלעגנהייט דאַרף אויך נישט פאַרבייגיין אומדערמאָנט מיין אומ־פאַרגעסלעכער פריינט א. פרומקין, וועלכער האָט דורך זיינע אויסגעצייכנטע און געוויסנהאַפטע איבערזעצונגען שטאַרק צוגעהאָלפן צום פּראָגרעס פון אָט־דער קולטור־אַרבעט. פרומקין האָט חוץ העברעיש, אַראַביש און טערקיש, וועלכע ער האָט נאָך אויסגעלערנט אין זיין יוגנט, אויך באַהערשט די דייטשע, ענגלישע, פראַנ־צויזישע און שפּאַנישע שפּראַכן און ער האָט פון אָט־די אַלע שפּראַכן גוט איבער־געזעצט. נאָר דער, וועלכער האָט דורכגעלעבט יענעם פעריאָד, וויים, וואָס אָט־דער שטילער, באַשיידענער מענטש האָט אַלץ אויפגעטאָן פאַר דער קולטורעלער אַנט־וויקלונג פון דער מיזרח־יידישער באַפעלקערונג.

אָבער נאָך אַן אַנדערע גרויסע דערפאַרונג האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין דע־מאָלטיקער טעטיקייט, וועלכע איך וויל, ווי אַ נישט־ייד, בכיוון נישט פאַרשווייגן ספּעציעל צוליב יענע, וועלכע האָבן אַביסל גענאַשט פון די טעפּ פון דער אַזויגע־רופענער ראַסן־טעאָריע אָדער האָבן קיינמאָל נישט גובר זיין אין זיך די קינסטלעך־איינגעפלאַנצטע פאָראורטיילן לגבי די יידן. אויך דאָ האָב איך זיך איבערצייגט, אַז ס'איז נישט פאַראַן גאָרנישט, קיין שום זאַך, פאַר וועלכן דער אַזויגערופענער יידישער גייסט זאָל נישט זיין פונקט אַזוי אויפנעם־פעיק אָדער זאָל רעאַגירן אַנדערש ווי עס רעאַגירט דער גייסט פון אַנדערע פעלקער, אויב מ'קאָן איבערהויפּט רעדן וועגן אַן אַלגעמיינעם פאָלקסגייסט. במשך פון צוואַנציק יאָר צייט האָב איך גע־לעבט אין געטאָ, בין יעדן טאָג געקומען אין קאָנטאַקט מיט יידישע אַרבעטער, געטראָגן צוזאַמען מיט זיי זייערע ליידן און דאגות, אומדערמידלעך זיך באַטייליקט אין זייער גרויסן פאַרן טעגלעכן ברויט, געוועקט זייער גאַרעניש, געטיילט מיט זיי זייערע פריידן און האָפענונגען און געלעבט צוזאַמען מיט זיי אין דיזעלביקע אומ־שטענדן. איך האָב די בעסטע יאָרן פון מיין לעבן אָפּגעגעבן, ביכדי צו העלפן אַנט־וויקלען זייער גייסטיקע קולטור, צו שטאַרקן זייער ווילן און אָנצוגורטן זייער ווידער־שטאַנד קעגן אייגנוויליקייט און טיראַניע. אין ווי ווייט איך האָב דאָס באַוויזן, זאָלן

זיך אַנדערע אַרויסזאָגן; אָבער איך ווייס זיכער, אַז איך האָב אַריינגעבראַכט אַביסל ליכט און אַביסל האָפענונג אין דער גרויער טאָג־טעגלעכקייט פון אָט־די מענטשן. איך קאָן מיט אַ רואיקן געוויסן זאָגן, אַז איך האָב געדינט זייער זאַך ערלעך און אַן פּערזענלעכן נוצן. דאָס ווייסן די טויזנטער, וועלכע זיינען געקומען מיט מיר אין באַריר, און זיינען היינט צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. און אויף דעם בין איך שטאָלץ. זייער פריינטשאַפט, זייער אינערלעכע צוגעבונדנקייט, זייער אומבאַ־גרענעצטער צוטרוי זיינען פאַר מיר דער שענסטער לוין און דאָס וועט פאַר מיר תמיד פאַרבלייבן ווי אַ זוניקער אָנדענק, ביפרט היינט, ווען איך האַלט שוין ביים הערבסט פון מיין לעבן און עס לאָזן זיך אַראָפּ די שאָטנס פונעם אָוונט.

איך האָב אין משך פון אָט־דער לאַנגער און אין קאַמפן רייכער צייט נישט גע־האַט קיין איין געדאַנק, וועלכן איך זאָל נישט געוועזן קאָנען איבערגעבן מיינע יידישע חברים. די גאַנצע אומזיניקע פּלאַפּלעריי וועגן דעם אומאיבערשפּאַנבאַרן קעגנזאַץ צווישן דעם אָריענטאַלישן און אָקצידענטאַלישן מענטשן, די אַלע קינסטלעך־אָוועק־געשטעלטע גרענעצן צווישן דער אַרישער און סעמיטישער וועלט זיינען אפילו נישט ווערט קיין פאַלשן גראָשן. איך האָב ביי יידן נישט געפונען גאָרנישט, וואָס זאָל זיין מיסטעריעזער און אומדערגרינטלעכער ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער, מיט וועמען איך בין געקומען אין באַריר. איך בין אפילו נישט קיין יידנפריינט, ווען אפילו מ׳האָט מיך אָפט באַצייכנט ווי אַזעלכן, ווייל איך האָב נישט ליב אַלע יידן, פּונקט אַזוי ווי איך האָב נישט ליב אַלע דייטשן, אַלע פראַנצויזן אָדער אַלע אַמע־ריקאַנער. ס׳וואָלט געווען פאַר מיר אַ שווערע הלכה ליב צו האָבן אַ געבעלס, אַ גע־רינג אָדער אַ שטרייכער בלויז דערפאַר, ווייל זיי זיינען געבוירן געוואָרן אינעם זעלביקן לאַנד ווי איך. אדרבה, איך האָב זיך גאַנץ אָפט געפילט דערשלאָגן צו באַ־לאַנגען צום זעלביקן פאָלק מיט אַזעלכע מענטשנפרעסער. אָבער סוף־כל־סוף איז דאָך דעם מענטשנס געבוירן בלויז אַ זאַך פונעם צופאַל, אין וועלכן ער איז בלויז אַ פּאַסיווער מיטבאַטייליקטער. אמתע סימפּאַטיע איז נאָר דאָרט מעגלעך, ווו מ׳איז מענטשלעך נענטער צווישן זיך און ס׳איז פאַראַן אַן אינערלעכע קרובהשאַפט אינעם פילן און באַנעמען.

ווען איך וואָלט געדאַרפט קורץ פאָרמולירן מיינע פּערזענלעכע דערפאַרונגען מיט מענטשן פון יידישן אָפּשטאַם, וואָלט איך בלויז געקאָנט זאָגן, אַז איך האָב ביי זיי נישט געפונען קיין שום אייגנשאַפט, וועלכע מ׳זאָל נישט קאָנען געפינען אויך ביי אָפּשטאַמיקע פון אַנדערע פעלקער. די נאַרישע טענה, אַז יידן פאַרנעמען אַ באַזונדערע פּאָזיציע צווישן אַלע אַנדערע פעלקער, איז בלויז פּוסטע פּלאַפּלעריי, מחמת זי שטיצט זיך נישט אויף קיין ווירקלעכע דערפאַרונג, נייערט אויף בלינדן פאָראורטייל. די פאַרשטייער פון אַזעלכע שטותערישע באַגריפן פאַרשטייען לחלוטין נישט, וואָס פאַראַ קלאָגלעך אָרעמקייטס־צייגעניש זיי שטעלן זיך אַליין אויס. ווען ס׳וואָלט טאַקע געווען אמת, אַז אַן אומבאַדייטנדיקע מינדערהייט איז פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר אַלע אומגליקן און צרות פון דער וועלט, אין דעם פאַל וואָלט די גרויסע מערהייט פונעם מענטשלעכן מין באמת נישט פאַרדינט קיין בעסערן גורל. קליינ־

קעפּלדיקע טיפּשים, וועלכע רעדן זיך ערנסט איין, אַז זיי זיינען אומבאַשיצטע קרבנות פון אַ קליינער, איבער דער גאַנצער וועלט פאַרשפּרייטער מינדערהייט, באַוויזן בלויז דערמיט אַרויס זייער אייגענע אומפעיקייט, זייער מאַנגל אין פּערזענלעכקייט און זייער גייסטיקע מינדעריאָריקייט. דאָס איז, אגב, נישט בלויז מיין מיינונג. אַלע מיינע נישט־יידישע פריינט אין לאָנדאָן, צווישן זיי אַזעלכע מענטשן ווי קראַפּאָטקין, טשערקעסאָף, טשאַיקאָווסקי, מאַלאַטעסטאַ, טוירנער, קיל, קעלי און אַ סך אַנדערע, וועלכע זיינען געווען באַקאַנט מיט דער יידישער אַרבעטערשאַפט פון לאָנדאָן פון זייער אייגענער דערפאַרונג, האָבן אין דעם עינין פאַרטראָטן דיזעלביקע מיינונג.

דער אַנטיסעמיטיזם אין זיינע פאַרשידענע אויסדרוקס־פאָרמען איז תמיד געווען דער דעקמאַנטל פון אַ פּאָליטישער און סאָציאַלער רעאַקציע פונעם געפערלעכסטן מין און האָט תמיד געדינט פאַרן צוועק אָפּצוציען די אומצופרידנהייט פון די מאַסן אין פאַלשע קאַנאַלן. פאַרשפּאַרט דעם ייד אינעם אַלטן געטאָ און איר וועט די גאַנצע וועלט פאַרוואַנדלען אין אַ געטאָ! דאָס „דריטע רייך" האָט אונדז אין דעם פּרט געגעבן אַ גוטן ביישפּיל, וועלכער דאַרף דינען פאַר יעדן איינעם, וועלכער האָט נאָך נישט פאַרגעסן צו דענקען, ווי אַ וואָרענונג און אַ דערמאָנונג. ברוטאַלע און איבערגעשפּיצטע באַרבאַרן האָבן די יידן צוריק אַריינגעשטויסן אין געטאָ און מיליאָנען פון זיי אויסגעשטעלט צום טויט און צו דער פאַרלענדונג; אָבער אין דערזעלביקער צייט האָבן זיי אויך דייטשלאַנד גופא פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער תפיסה, הינטער וועמעס גראַטעס אַ גאַנץ פאָלק האָט במשך פון צוועלף יאָר צייט געקרעכצט און געזיפצט און דערנידעריקט געוואָרן אין אַ האָרדע קאַטאָרזשניקעס. די געלע יידישע לאַטע און דער מגן־דוד, וועלכע האָבן געזאָלט דערנידעריקן די יידישע בירגער, האָט גאָר דערנידעריקט דייטשלאַנד פאַר דער גאַנצער וועלט. דערמיט, וואָס מ'האָט די יידן געשטעלט מחוץ למחנה ווי מצורעים, האָט מען גאַנץ דייטשלאַנד פאַרוואַנדלט אין אַ קאָלאָניע פון קרעציקע. אַ האַלבע וועלט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש און שטויב און אויסגעשטעלט צום שוידערלעכן עלנט. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ צושטאַנד, וועמעס פּחדימדיקע ווירקונג קאָנען נאָך אפילו היינט נישט אָפּגעמאָסטן און אָפּגעשאַצט ווערן. פאַרקאָוועט בלויז איין מענטש אין קייטן און איר פאַרקאָוועט דערמיט די גאַנצע וועלט! אונטערדריקט בלויז איינאיינציקע גרופּע מענטשן, און איר לייגט־אַרויף אויף אַלץ, וואָס האָט אַ מענטשלעך אויסזען, דעם קענצייכן פון קנעכטשאַפט!

פּונקט ווי איין בלאַט פון אַ בוים איז נישט אינגאַנצן ענלעך צום אַנדערן, אַזוי זיינען אויך די מענטשן פאַרשידנדיק אין זייערע נייגונגען און אין זייער באַנעם. יעדע מענטשנגרופּע טראָגט מיט זיך די קענצייכנס פון איר ספּעציעלער סביבה, וועלכע ענדערן זיך צוזאַמען מיט דער סביבה און געשטאַלטיקן זיך כסדר פונדאָסניי. אָט־די נאַטירלעכע פאַרשידנדיקייט איז דער יסוד פון יעדער קולטור. נישט דאָס, וואָס טיילט אונדז אָפּ פונאַנאַנדער, איז דער עיקר, נאָר דאָס, וואָס פאַראייניקט אונדז, די אינערלעכע קרובהשאַפט צווישן אַלע מענטשן, דיזעלביקע גייסטיקע און מאַטעריעלע קאָנדיציעס פאַר דער פרייער אַנטוויקלונג פון יעדער מענטשלעכער גרופּע,

וועלכע געפינען זייער עטישן אויסדרוק אינעם באַוווּסטזיין פונעם מענטשן און שטעלן־אַרויס דאָס גלייכע רעכט פאַר אַלעמען ווי דאָס העכסטע געבאָט פונעם לעבן. אויפן סדום־בעטל פון דער דיקטאַטור און באַרבאַריע קאָן נישט געדייען קיין שום קולטור. ברוטאַליטעט ברענגט בלויז אַרויס ברוטאַליטעט. אַריינקוועטשן דאָס גאַנצע לעבן אין דערזעלביקער פאָרעם איז דאָס נעמלעכע ווי דערשטיקן דאָס גאַנצע לעבן. ווער ס׳האָט נאָך דאָס היינט נישט פאַרשטאַנען, נאָך נישט באַגריפן, דער איז שוין אויף אייביק אַ פאַרפאַלענער, דעם וועט שוין קיין שום איבערלעבעניש נישט ברענגען קיין אינערלעכע אויפקלערונג.

# דער פאָגראָם אין קישענעוו

אין אַפּריל 1903 איז די וועלט אויפגעציטערט געוואָרן פון די שוידערלעכע ידיעות וועגן די בלוטיקע געשעענישן אין קישענעוו, בעת וועלכע אַ גרויסע צאָל יידישע איינוווינער פון יענער שטאָט זיינען געפאַלן קרבנות. וואָס מער פּרטים ס׳זיינען באַקאַנט געוואָרן וועגן דער סיבה און אויסוויקלונג פון יענער אכזריות־דיקער שחיטה, אַלץ העכער איז געוואָרן די כוואַליע פון אויפברויז קעגן די אויס־פירער פון אָט־דעם שענדלעכן פאַרברעך, וועלכע האָבן אפילו קיין קינדער אין וויג נישט געשוינט. די באַגלייט־דערשיינונגען פון יענער פּחדימדיקער הריגה זיינען פּאַקטיש געווען אַזוי מאָנסטרועז, אַז זיי האָבן אין אויסלאַנד גורם געווען אַ געוואַל־טיקן אויפברויז. באַזונדערס שטאַרק איז געווען דער אויפברויז צוליב דעם, וואָס ס׳האָט כּימעט קיינער נישט געצווייפלט, אַז דאָ האָט זיך נישט געהאַנדלט וועגן אַ ספּאָנטאַנעם אויסברוך פון אַן אומוויסנדיקער, פאַנאַטיזירטער מאַסע, ווי די רוסישע רעגירונג האָט געטענהט, ביכדי אָפּצושוואַכן דעם מוראדיקן איינדרוק אין אויס־לאַנד, נייערט וועגן אַ קאַלטבלוטיק־צוגעגרייטן פאַרברעך, צו וועמעס דורכפירונג די אָרגאַנען פון דער צאַרישער רעגירונג האָבן צוגעלייגט אַ האַנט.

דער אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד איז פון אייביק־אויף געווען אַ רעגירונגס־עיניָן, אַ מיטל פון דער אינערלעכער פּאָליטיק, ווי גראַף איגנאַטיעף האָט איינמאָל ציניש דערקלערט, ביכדי אָפּצוציען דעם פאָלקס אומצופרידנהייט אויף אַ פאַלשן וועג. די פאַרייניקונג פון רוסישע מענער, אָדער סאָיוז רוסקאָווא נאַראָדאַ, בעסער באַקאַנט אונטערן נאָמען „טשאָרניאַ סאָטניאַ״ (שוואַרצע מאה), וועלכע איז אויפ־געקומען אין יאָר 1906, איז געגרינדעט געוואָרן פון דער רוסישער „אָכראַנאַ״ ספּעציעל פאַר דעם צוועק און זי איז געשטיצט געוואָרן פון דער רעגירונג מיט געלט און געווער. ניקאָלאַי דער צווייטער, וועלכער האָט אַליין אויך געטראָגן דעם אָפּצייכן פון אָט־דער פאַרברעכערישער באַנדע, פלעגט גאַנץ אָפט לאָזן אויסצאָלן דעם פּרעזידענט פון אָט־דער אָרגאַניזאַציע, ד״ר דובראָווין, גרעסערע סומעס פון זיין פּריוואַטער קאַסע און ער פלעגט אויך כּסדר הייסן באַפרייען פּערזאָנען, וועלכע פלעגן פאַרמישפּט ווערן דורך די געריכטן פאַר זייער באַטייליקונג אין די פּאָגראָמען קעגן יידן.

די גאַנצע געשיכטע פון יענעם „סאָיוז רוסקאָווא נאַראָדאַ״ איז געווען אַ לאַנגע

שורה שוידערלעכע פאַרברעכנס, אָנגעהויבן מיט דער געוואַלטזאַמער באַזייטיקונג פון באַקאַנטע, פון דער רעאַקציע געהאַסטע, פערזאָנען, ביז צום אָפענעם פּאָגראָם. די דערמאָרדונג פון די צוויי דעפּוטירטע אין דער דומאַ הערצענשטיין און יאָללאָס איז דורכגעפירט געוואָרן פון מיטגלידער פון דער שוואַרצער מאה, וועלכע זיינען גלייכצייטיק געווען אין דינסט פון דער מלוכהשער געהיימפּאָליציי, ווי דאָס איז בולט אַרויסגעקומען פון אַן אינטערפּעלאַציע אין דער דומאַ דורך די פאָרשטייער פון די קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן און דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אויך דער פּלאַן צו דערמאָרדען וויטען און מילוקאָוון איז אַרויסגעקומען פון דיזעל-ביקע קרייזן. ד״ר דובראָווינס שולדיקייט אין הערצענשטיינס דערמאָרדונג איז פול-שטענדיק באַשטעטיקט געוואָרן דורך זיין אייגענעם סעקרעטאַר, פּרוסאַקאָוו, פאַר אַן אָפענעם מישפּט אין פינלאַנד, אויף אַזוי ווייט, אַז דאָס געריכט האָט זיך געפילט געצוווּנגען צו פאָדערן פון דער רעגירונג צו שטעלן דובראָווינען פאַרן געריכט, אַ זאַך, וואָס איז, נאַטירלעך, קיינמאָל נישט געשען.

אָבער נאָך אַ סך פריער פאַר דער גרינדונג פון דעם „סאָיוז רוסקאָוואָ נאַראָדאַ“ האָט די רעגירונג געהאַט אַ חלק אינעם רוב פּאָגראָמען. באַזונדערס איז דאָס אַזוי געווען אונטער פּלעווּעס רעזשים, אָט-דעמדאָזיקן פּונקט אַזוי גרויזאַמען ווי מאָראַליש פאַרפעסטעטן פּרא-אדם, אויף וועמענס נאָמען עס איז אויסגעגאָסן די קללה פון אַ גאַנץ פאָלק. פּלעווע איז דאָס געווען דער, וועלכער האָט זיך מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנהייט אָנגענומען פאַרן באַרימטן אַנטיסעמיטישן פירער קרושעוואַן, וועל-כער איז געווען דער דירעקט-פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן אויסברוך פונעם פּאָגראָם אין קישענעוו. און טאָמער איז געווען וויניק דאָס בולטע ליכט, וואָס די אָפענע פאַרטיידיקונג פון אַ וויסטן פּאָגראָמהעצער מיצד דעם ערשטן פאָרשטייער פון דער רוסישער מלוכה האָט געוואָרפן אויף דער מער ווי ספקדיקער שטעלונג פון דער רעגירונג צו אָט-דעם עיניך, איז נאָך באַלד נאָכדעם בפירוש באַשטעטיקט געוואָרן די אוממיטלבאַרע שולד פון דער צאַרישער רעגירונג דורך דער פאַרעפנטלעכונג פון אַ געהיימען צירקולאַר, פון וועלכן ס'איז מיט פולער קלאָרקייט געווען אַרויס-צוזען, אַז פּלעווע גופא איז געווען דער גורם פון די בלוטיקע געשעענישן אין קי-שענעוו. יענער צירקולאַר, וועלכער איז אָפּגעשיקט געוואָרן צום פירשט אורוסאָוו, דעם גובערנאַטאָר פון בעסאַראַביע, איז דורך אַן אומבאַקאַנטער קוועלע אָנגעקומען צו דער רעדאַקציע פונעם לאָנדאָנער „טיימס“, וועלכע האָט אים פאַרעפנטלעכט אין מאַי 1903. דער צירקולאַר איז געווען געדרוקט אויף פּאַפּיר פונעם אינערנמיניסטע-ריום און פון דער מיניסטערקאַנצעלאַריע מיטן נומער 241 און האָט געהאַט די דאַטע פון 25סטן מערץ 1903, ד״ה בערך דריי וואָכן פאַרן אויסברוך פונעם פּאָגראָם. די ווערטער „שטרענג בסוד״! זיינען געווען געדרוקט מיט גרויסע אותיות איבערן ציר-קולאַר, וועמעס טעקסט איז געווען אָט-דער:

„איך בין געוווּיר געוואָרן, אַז אין אייער געגנט גרייטן זיך צו גרויסע אומרוען קעגן די יידן, וועלכע זיינען די גרעסטע עקספּלואַטירער פון דער לאָקאַלער באַפעלקערונג. נעמענ-דיק אין באַטראַכט די אַלגעמיינע אומצופרידנקייט און דעם ספּעציעלן געמיטצושטאַנד פון דער דאָרטיקער איינוווינערשאַפט, וועלכע מוז זיך דאָך אויף וועלכן ס'איז אופן מאַני-

פעסטירן לגבי דרויסן, און פאַרשטייענדיק, אַז צו שטרענגע מאָסמיטלען קעגן די אָנקומענדיקע אומרוען קאָנען זייער לייכט ברענגען שלעכטע און אומגעוווּנטשענע רעזולטאַטן צווישן אַ באַפעלקערונג, וועלכע איז נאָך ביז איצט נישט פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער רעגירונג, דערוואַרטן מיר דעריבער, אַז אייער עקסעלענץ וועט טאָן דאָס בעסטע, צו מאַכן אַ סוף מיט גוטע רייד אַזוי שנעל ווי מעגלעך צו די זיך גרייטנדיקע אומרוען. געווער זאָל דערביי בשום אופן נישט באַנוצט ווערן.

אונטערגעשריבן: פאָן פּלעווע".

באַלד נאָכדעם ווי ס'זיינען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן דער שרעקלעכער שחיטה אין קישענעוו, האָבן מיר צונויפגערופן אַ גאַנצע ריי גרויסע פּראָטעסט־מיטינגען אויף דער מיזרח־ און מערב־זייט פון לאָנדאָן, וועלכע האָבן געבראַכט אַ געוואַלטיק גרויסן עולם, ווי דאָס האָט ביי דער דעמאָלטיקער שטימונג אַנדערש נישט געקאָנט זיין. אָנפאַנג מאַי איז אין האַיד־פּאַרק פאָרגעקומען אַ ריזיק־גרויסע מאַניפעסטאַציע, וועלכע איז אַראַנזשירט געוואָרן פון דער באַקאַנטער געזעלשאַפט „פריענדס אָף א פרי רוסיא" און אייניקע אַנדערע ענגלישע אָרגאַניזאַציעס. פאַרשטייט זיך, אַז אויך מיר האָבן זיך באַטייליקט אין אָט־דער מאַניפעסטאַציע. אַ גאַנצע שורה אָנגעזעענע ענגלישע רעדנער פון די פאַרשידנדיקסטע ריכטונגען און פּאַרטייען האָבן זיך באַטייליקט אין דער איינדרוקספולער פּראָטעסט־מאַניפעסטאַציע. אָבער די גרעסטע ווירקונג האָט געהאַט פּיאָטר קראָפּאָטקינס רעדע. איך זע אים נאָך היינט פאַר מיר, פּונקט ווי אין יענעם טאָג. זיין פּנים איז געווען בלאַס פון אינערלעכער געריצטקייט און די גרויע באָרד האָט זיך געטרייסלט ציטערנדיק אינעם ווינט. די ערשטע ווערטער זיינען אַרויסגעקומען אַביסל געדעמפּט, שטאַמלענדיק, אָבער באַלד איז זיין אינערלעכער אויפברויז געקומען צום פולן אויסדרוק. יעדעס וואָרט איז געווען אַ זעץ פון אַ האַמער, אַ מוראדיקער אָנקלאָג קעגן די פחדנישע פאַראורזאַכער פון יענעם שוידערלעכן בלוטבאָד, וועלכעס האָט געשענדט דעם מענטשלעכן נאָמען. אין זיין שטימע האָט מען געקאָנט פילן אַזאַ אייגנטימלעכע ציטערניש, גלייך ווי די יסורים און פיין פון די אומגעבראַכטע אין רוסלאַנד וואָלטן זיך פאַרקערפּערט אין אָט־דעם מענטשן און אים געגעבן אַ כימעט איבערערדישן אויסדרוק. דער אַלטער האָט אויסגעזען ווי אַ נביא פון אַמאָליקע צייטן, אין וועלכן ס'איז געקומען צום לעבעדיקן אויסדרוק די גאַנצע מענטשהייט און זי טראָגט אַרויס איר פּראָטעסט קעגן אַ שענדלעכן פאַרברעך. און די אַלע טויזנטער, וועלכע זיינען דאָ געווען פאַרזאַמלט, האָבן מיט אים מיטגעפילט און אויסגעהערט מיט אינערלעכער געריצטקייט זיינע ווערטער, וועלכע זיינען אַריינגעדרונגען טיף אין זייער נשמה, ווייל זיי זיינען געקומען פונעם טיפן האַרץ. ווען פון אונדז האָט דעמאָלט געקאָנט איינפאַלן, אַז דער קישענעווער מאַסנמאָרד וועט מיט דער צייט ווערן אַ קינדערשפּיל לגבי די מאָנסטרועזע פאַרברעכנס פון אונדזערע טעג, פאַרברעכנס, וועלכע זיינען געוואָרן אַן אוניווערסאַלע דערשיינונג?

די אַלגעמיינע פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן דעם בלוטבאָד אין קישענעוו איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ גרויסער דעמאָנסטראַציע פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און אַ מאַסן־מאַניפעסטאַציע אין הייד־פּאַרק דעם 21סטן יוני 1903.

די איניציאַטיוו צו אָט־דער מאַניפעסטאַציע איז אַרויסגעקומען פונעם יידישן סטאַליאַר־אַרבעטער־פאַריין, וועלכער האָט אין מאַי צונויפגערופן אַ ספּעציעלע קאָנ־פערענץ פאַר דעם צוועק און צו וועלכער ס'זיינען פאַרבעטן געוואָרן אַלע פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פון לאָנדאָנס מיזרח־ און מערב־טייל. עס זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, די פעדעראַציע פון די יידישע אַנאַרכיסטן, די יידישע פאַכן פון די סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן, פון די סאָציאַלדעמאָקראַטן („בונד") און פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

צום באַדויערן איז אויף אָט־דער קאָנפערענץ געקומען צו גאָרנישט קיין שיינע סצענעס, וועלכע זיינען גורם געוואָרן דורך דעם ענגן פּאַרטיי־פּאַנאַטיזם פון ביידע סאָציאַלדעמאָקראַטישע דעלעגאַטן. גלייך אויף דער ערשטער זיצונג האָבן די צוויי דעלעגאַטן פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי פאַרגעלייגט פאַר דער קאָנפע־רענץ אַ באַשלוס, אין וועלכער ס'איז דערקלערט געוואָרן, אַז זייער אָרגאַניזאַציע וועט זיך באַטייליקן נאָר בתנאי, אויב מ'וועט איינגיין אויף דעם, אַז די ציוניסטן זאָלן נישט צוגעלאָזט ווערן, און צווייטנס, אויב מ'וועט איינגיין צו שיקן אַ ספּעציעלע סימפּאַטיע־דערקלערונג פאַרן יידישן אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד און אין פּוילן.

דידאָזיקע העזהדיקע פאָדערונג פון אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט אין דער ענגלישער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פאַרטראָטן בלויז אַ קליינע מינדערהייט, איז געווען פונקט אַזוי חוצפּהדיק ווי איבעריק. די ציוניסטן האָבן אין יענער צייט לגמרי נישט געהאַט אין לאָנדאָן קיין אָרגאַניזאַציע, וואָס ס'זאָל ווערט זיין איר נאָמען צו דער־מאָנען, און זיי האָבן אויך נישט געהאַט קיין שום באַציונגען מיט דער אַרבעטער־שאַפט. חוץ דעם האָט די ציוניסטישע פּרעסע געמאַכט מיטפאַראַנטוואָרטלעך די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד פאַר דער פּאָגראָם־טאַקטיק פון דער רו־סישער רעגירונג. מהאי טעמה האָבן די איניציאַטאָרן פון דער קאָנפערענץ איבער־הויפּט נישט פאַרבעטן די ציוניסטן און זיי אַליין האָבן אפילו נישט געפּרוווט זיך צו באַטייליקן אין אירע אַרבעטן. ווען מ'נעמט־אָן דעם פאַרלאַנג אויסצושליסן אַ ריכטונג, וועלכע איז לחלוטין נישט געווען אויף דער קאָנפערענץ, וואָלט מען זיך בלויז געווען געמאַכט לעכערלעך. אָבער אויך די צווייטע פאָדערונג איז געווען אומ־מעגלעך, וואָרן די אינערלעכע פּאָליטיק פונעם פּאָגראָם־מיניסטער פּלעווע איז גע־ווען געווענדט קעגן דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד און נישט בלויז קעגן אַ באַשטימטער פראַקציע. אַ באַזונדערע סימפּאַטיע־דערקלערונג פון דער קאָנפערענץ פאַר אַ באַשטימטער ריכטונג וואָלט אין דעם פאַל געווען גע־מוזט באַנומען ווערן ווי אַן אָפענע באַליידיקונג קעגן אַלע אַנדערע ריכטונגען.

אָבער אַלע אַרגומענטן און טענות האָבן נישט געהאָלפן; ביידע דעלעגאַטן פון דער ייד' סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי זיינען באַשטאַנען אויף זייער פאָדערונג. דער־מיט איז די ערשטע זיצונג אינגאַנצן צעפּאַטערט געוואָרן מיט שפּאַרענישן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות צו דער אייגנטלעכער קאָנפערענץ. די צווייטע זיצונג האָט זיך אויך נישט אָנגעהויבן בעסער. אַזוי ווי די צוויי פאַרשטייער פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָבן נישט געקאָנט דערוואַרטן, אַז זייער אומ־

זיניקער פּאַרלייג זאָל האָבן די מינדסטע געלעגנהייט אָנגענומען צו ווערן, האָט מען זיך געקאָנט משער זיין, אַז זיי זיינען געקומען בכיוון, כדי צו שטערן די אַרבעט פון דער קאָנפערענץ. ווען איינער פון די צוויי דעלעגאַטן האָט דערקלערט, אַז אויב דער פּאַרלייג וועט נישט אָנגענומען ווערן, וועט מען די לאָנדאָנער יידישע פּראָפּע־סיאָנעלע פאַריינען עפּנטלעך אַרויסשטעלן אין דער רוסישער פּרעסע ווי שונאים פונעם „בונד״, האָט לסוף געפּלאַצט די געדולד פונעם רעשט דעלעגאַטן, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר אַזאַ שווערן נסיון.

איך האָב דערקלערט, אַז ס׳איז פאַר סאָציאַליסטן, אָן אַ חילוק צו וועלכער שיטה זיי באַלאַנגען, פּשוט אומווירדיק צו ווען אויסנוצן אַזאַ שווידערלעכע טראַגעדיע, וועלכע האָט געבערנגט אומבאַשרייבלעכן אומגליק אויף הונדערטער אומשולדיקע מענטשן, פאַר קליינלעכע פּאַרטיי־אינטערעסן. ווען די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי וויל אָרגאַניזירן אַן אייגענע פּראָטעסט־מאַניפעסטאַציע, וועט איר קיינער נישט אָפּזאָגן איר רעכט אָנצונעמען אַ באַשלוס אין איר זין; אָבער ווען צווינגען אַלע אַנדערע ריכטונגען דורך אַן אולטימאַטום, זיך אונטערצוגעבן אַן אומבאַדייטנדיקער מינדערהייט, דאָס איז אַן אויפפיר, וועלכער איז אַ חוזק אויף אַלע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן.

די גרעסטע מערהייט פון די דעלעגאַטן האָט איינשטימיק אַפּלאָדירט מיינע אויספירונגען, אַזוי אַז אַלע פּרווון פון ביידע בונדיסטישע פאַרשטייער אָפּצושלעפּן די אָפּשטימונג דורך ווייטערדיקע דעבאַטן, האָט נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן. ביי דער אָפּשטימונג האָבן אונטערגעשטיצט דעם בונדיסטישן פּאַרלייג בלויז די דעלע־גאַטן פון צוויי פאַכפאַריינען, וועלכע האָבן צוזאַמען נישט געהאַט קיין הונדערט מיט־גלידער. נאָך דער אָפּשטימונג האָבן זיך זייערע דעלעגאַטן צוריקגעצויגן פון דער קאָנפערענץ. דער ווייטערדיקער פאַרלויף פון דער זיצונג איז געווען אַ דורכויס האַר־מאָנישער און מ׳האָט זיך זייער לייכט געאייניקט אויפן טעקסט פון דער רעזאָלוציע, וועלכע מ׳האָט געדאַרפט פאָרלייגן אויפן מיטינג אין הייד־פּאַרק.

ביידע לאָנדאָנער יידישע טאָג־צייטונגען, דער „יידישער טעלעפאָן״ און דער „יידישער עקספּרעס״, צוויי אולטראַקאָנסערוואַטיווע בלעטער, האָבן פון אָנהויב אָן אַרויסגעשטעלט די קאָנפערענץ ווי אַ „מאַכינאַציע פון די אַנאַרכיסטן״ און גערופן צו באָיקאָטירן די מאַניפעסטאַציע. דערביי האָט דער „יידישער עקספּרעס״ געהאַט די ביישפּיללאָזע אומפאַרשעמטקייט צו וואַרפן אַ חשד אויף קראָפּאָטקינען ווי אַן אַנטיסעמיט און פּאָגראָמהעצער. אָבער אפילו אַזעלכע קליינלעכע פּרווון האָבן אונדז נישט געקאָנט אָנטאָן קיין שאָדן.

די דעמאָנסטראַציע האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג, נאָכדעם ווי מ׳האָט במשך פון וואָכן געמאַכט אַלע צוגרייטונגען, אַז אין אַלע וואַרשטאַטן זאָל די אַרבעט אָפּגעשטעלט ווערן 12 אַזייגער. דאָס איז געווען די גרעסטע דעמאָנסטראַ־ציע פון יידישע אַרבעטער, וואָס לאָנדאָן האָב ווען־ס׳איז ביז דעמאָלט געהאַט. אַ סך טויזנטער יידישע פּראָלעטאַריער האָבן מאַרשירט פון מיל ענד צום היידפּאַרק. ס׳איז געווען אַ טריבער, מיאוסער טאָג, צוגעפּאַסט צו דער שטימונג, פון וועלכער יענע

מאַסן, וואָס האָבן דעמאָלט מאַרשירט מיט שטומען אויפברויז צום גרויסן פּאָרום פון דעם לאָנדאָנער באַפעלקערונג, זיינען געווען באַהערשט. אין פּאַרק גופא זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט טויזנטער מענטשן, צווישן זיי פיל פרויען, וועלכע האָבן זיך נישט געפילט געגוג שטאַרק דורכצומאַכן צופוס דעם לאַנגן וועג פון איסט־ענד ביז צום הייד־פּאַרק. די רעדעס האָט מען געהאַלטן אין ענגליש, יידיש, רוסיש און פויליש. לויט די אָפּשאַצונגען פון די ענגלישע טאָג־צייטונגען האָט די צאָל מענטשן, וועלכע האָט זיך באַטייליקט ביי יענער מאַניפעסטאַציע און זיך גרופּירט אַרום די דריי טריבונעס אינעם פּאַרק, באַטראָפן לפחות 25.000. צווישן די רעדנער האָבן פיגורירט, חוץ די באַקאַנטע רעדנער פון איסט־ענד, ג. טשאַיקאָווסקי, ב. גרין, וו. טשערקעסאָוו, דזשאָן טוירנער, הערבערט באַרראָוס, הערי קעלי, ט. לעגאַט און אַ גאַנצע שורה פירער פון ענגלישע פּראָפאַריינען. קראָפּאָטקין, וועלכער האָט דע־מאָלט גאַנץ אָפּט געליטן פון אַן ערנסטער האַרצקראַנקייט, האָט נישט געקאָנט אויפטרעטן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט פעלן ביי אונדזער מאַניפעסטאַציע. ער איז געקומען אַביסל שפּעטלעך אין פּאַרק אַריין, און די גרויסע וועגענער, וועלכע האָבן פּאַר אונדז געדינט ווי רעדנערטריבונעס, זיינען שוין געווען אַזוי געדיכט אַרומגעשטעלט מיט מענטשן, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט דורכשלאָגן קיין וועג צווישן דער מאַסע. אָבער ווי נאָר דער עולם האָט דערקאָנט אונדזער אַלטיטשקן, האָבן זיי אים פּאָרזיכטיק אויפגעהויבן איבער זייערע קעפּ, ביז זיי האָבן אים מיט מזל צוגעטראָגן צו דער טריבונע. דאָס, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן, האָט ער אָנ־געשריבן אין ענגליש און רוסיש און זיינע רירנדיקע ווערטער, וועלכע דער פאָר־זיצנדער האָט געלייענט פאַר די פאַרזאַמלטע איןביידע שפּראַכן, זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט טיפבאַגריפענער אָנערקענונג און אַפּלאָדיסמענטן, וועלכע האָבן גאָר־נישט געוואָלט אויפהערן. אַ פולשטענדיקע ווערסיע פון יענער רעדע איז געווען פאַרעפנטלעכט אין „אַרבייטער־פריינד" און „פרידאָם", אָבער אַ סך ענגלישע טאָג־צייטונגען האָבן פאַרעפנטלעכט גרויסע טיילן פון איר.

מיט יענער געדענקווירדיקער מאַניפעסטאַציע אין הייד־פּאַרק איז פאַרענדיקט געוואָרן די גרויסע פּראָטעסט־באַוועגונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. דאָס, וואָס זי האָט, נישט געקוקט אויף אַלע שטרויכלונגען, געקאָנט האָבן אַזאַ גרויסן דערפאָלג, איז פאַר אַ סך געווען אַ וווּנדער און פאַר אַנדערע — אַן אומאַנגענעמע איבעררּאַשונג, נישט בלויז די יידישע טאָג־צייטונגען האָבן געטאָן אַלעס, כדי צו שטערן איר דערפאָלג, און געטאָן דאָס מיט אַזאַ אייפעריקייט, וואָס וואָלט געמעגט פאַרווענדט ווערן פאַר אַ בעסערער זאַך, נאָר אויך יידישע מגידים און רבילעך האָבן פאַר דער גאַנצער צייט אין אַלע שילן און שילעכלעך געהאַלטן אין כסדרדיקן וואָרע־נען זייערע צאָן־קדשים קעגן אונדז.

אויך אין דער פּראָווינץ איז אָנגעגאַנגען דיזעלביקע העצע. ווען איך האָב אין יענער צייט געמאַכט אַ רעפעראַטן־טור איבערן גאַנצן לאַנד, ביכדי צו רעדן וועגן דער בלוטיקער מיטשולדיקייט פון דער צאַרישער רעגירונג אין די קישענעווער געשעענישן, האָבן אונדזערע חברים אין ליווערפּול און מאַנטשעסטער נישט געקאָנט

באַקומען צו דינגען אַ גרעסערן זאַל, ווייל די אָרטאָדאָקסישע יידן האָבן דאָס פאַר זיי געמאַכט אוממעגלעך. בלויז אין גלאַזגאָו, עדינבורג און לידז האָב איך געקאָנט רעדן אין גרויסע זאַלן מיט איבערגעפולטע צוהערער און טאַקע געהאַט פאַר זיך אַ גאָר דאַנקבאַרע אודיטאָריע.

דאָס, וואָס די פאָרשטייער פונעם רעליגיעזן יידנטום האָבן דעמאָלט מיט אַלע מיטלען געזוכט נישט צו דערלאָזן קיין רעוואָלוציאָנערע מאַניפעסטאַציעס פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט קעגן דער פאָגראָם־פאָליטיק פון דער רוסישער רעגי־רונג, לאָזט זיך, אגב, דערקלערן נישט בלויז מיט ריין־רעליגיעזע מאָטיוון פון פאַנאַטיזם; דער עיקר־מאָטיוו איז בלי ספק געווען די מורא, אַז אַזעלכע מאַסנ־דעמאָנסטראַציעס אין אויסלאַנד זאָלן נאָך מער פאַרערגערן די לאַגע פון דער יידי־שער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד, פאַרערגערן נאָך מער ווי זי איז שוין געווען. דידאָזיקע מורא איז, לכל הדעות, לויט דער לאַגע אַרום און אַרום, געווען שטאַרק איבערגעטריבן און דער געדאַנק צו קאָנען ווייכער מאַכן דאָס האַרץ פון די פלעוועס און זיינע מאָרד־באַנדעס דערמיט, וואָס מ׳וועט נישט דערלאָזן צו קיין שום עפנטלעכן פראָטעסט קעגן זייערע שענדלעכע מעשים, איז אין בעסטן פאַל געווען אַ גרויסע טיפּשות, וועלכע האָט געקאָנט ברענגען דעם פונקט פאַרקערטן רעזולטאַט. אָבער ביי דער אייביקער אומזיכערקייט, ביי וועלכער די יידן אין רוסלאַנד זיינען דעמאָלט געווען געצוווּנגען צו לעבן, איז דידאָזיקע מורא געווען באַגרייפלעך.

## דער קאַמף קעגן שוויצסיסטעם

נאָך די בלוטיקע געשעענישן אין קישענעוו האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד באַקומען אַ גאָר איבעראַשנדיקן אויפלעב. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועלכע האָבן אין משך פון כימעט צוויי יאָר צייט געהאַט בלויז אַ מכלור־מרשטע, אַ זיך אויסדאַכטנדיקע עקזיסטענץ, זיינען פּלוצים דערוואַכט, אויפגעשטאַנען תחית־המתים. ס'איז כימעט נישט געווען קיין איין אינדוסטריע, וועלכע זאָל נישט געווען האָבן אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אָט־דעם נייעם גייסט, און די גרויסע צאָל שטרייקן אין איסט־ענד איז געווען דער בעסטער עדות, אַז די צייט פון סטאַגנאַציע איז שוין דערגאַנגען צו איר סוף. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין אָט־דעם גרויסן אויפוואַך פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און היות קיין סיבות פאַר אומצופרידנהייט האָבן נישט געפעלט, האָט טאַקע אונדזער אומדערמידלעכע אַקטיוויטעט אומעטום באַקומען אַ גוטן אָפּקלאַנג. דעמאָלט איז ביי אונדז צייטיק געוואָרן דער געדאַנק צו פּרווון דערלאַנגען אַ גרויסן קלאַפּ דעם פאַרשאָלטענעם און דעם פאַרמיאוסטן שוויצסיסטעם, פון וועלכן דווקא די יידישע אַרבעטערשאַפט האָט געהאַט אַזוי שטאַרק צו ליידן.

די ענגלישע רעגירונג האָט נאָך מיט יאָרן צוריק געהאַט געשאַפן פאַרשידענע קאָמיסיעס, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער עלנטער לאַגע פון די אַרבעטער אין די אַזויגערופענע „סוויטינג"־אינדוסטריעס. אָבער אָט־די אומגעוואַגטע, שרעקעוודיקע באַמיונגען האָבן נישט געהאַט אויפצווייזן אויף קיין גרויסער הצלחה. אפילו די קליינע צאָל און קנאַפּע מיטלען, וואָס מ'האָט יאָ אָנגענומען, ביכדי אָפּצושאַפן די ערגסטע פּירעניות פון אָט־דעם גרויזאַמסטן פון אַלע עקספּלואַטאַציע־סיסטעמען, זיינען על־פּי־רוב נאָר באַשטאַנען אויפן פּאַפּיר. די אינספּעקטאָרן, וועלכע די רעגירונג האָט באַשטימט, ביכדי צו באַוואַכן די גרויסע צאָל שוויצשעפּער און נישט צו דערלאָזן, אַז פרויען און אומדערוואַקסענע יונגעלייט זאָלן צוגעצויגן ווערן צו שפּעטער נאַכט־אַרבעט, האָבן נישט גענומען שטאַרק ערנסט זייער מיסיע. און קיין גרויסן אויסרייד האָט מען זיי צוליב דעם נישט געקאָנט מאַכן, וואָרן כל־זמן די אַרבעטער גופא זיינען נישט געווען בעסער אָרגאַניזירט און אַליין נישט פאַרשטאַנען זיך אָפּצוגעבן דערמיט, אַז די געזעצלעך־באַשטימטע אַרבעטס־באַדינגונגען זאָלן טאַקע באמת אָפּגעהיט ווערן, זיינען געווען גאָר אַ סך וועגן און הינטערוועגן, ווי

אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון זיי און אָפּצונאַרן די באַאַמטע, ווען אפילו זיי האָבן עס געמיינט ערנסט. דאָס איז געווען נאָך לייכטער און נאָך מעגלעכער דערפֿאַר, וואָס די וויכטיקסטע שוויצאינדוסטריעס, בעיקר די קאָנפעקציע־שניידעריי, איז כימעט איינגעשטאַנען אין די הענט פון אויסלענדער, וועמעס דריידלעך און הינטערוועגעלעך ס׳איז געווען פיל שווערער אויפצודעקן, ווי דאָס וואָלט געווען דער פאַל ביי ענגלענדער. דער גאַנצער אַרבעט־סיסטעם איז געווען אַזוי קאָמפּליצירט, אַז די גענויע אָפּהיטונג פון די געזעצלעכע פאָרשריפטן וואָלט צערודערט דעם גאַנצן אַרבעטס־פּראָצעס. די אינטערעסן פון די אַזויגערופענע פולשטענדיקע אַרבעטער אָדער געזעלן זיינען זיך אין אייניקע באַציונגען צונויפגעפאַלן מיט די אינטערעסן פון די קליינע אונטערנעמער, אַזוי אַז פאַרביידע איז עס געווען לויגבאַר אַוועקצוקוקן פון די געזעצלעך־פאָרגעשריבענע באַדינגונגען ווו נאָר דאָס איז מעגלעך געווען.

די גאַנצע באַקליידונגס־אינדוסטריע אין איסט־ענד איז געלעגן אין די הענט פון אַ סך הונדערטער קליינע מייסטערלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די גרויסע קאָנפעקציע־קלייטן פון דער סיטי און דורך אונטערשלאָגן איינער דעם אַנדערן די פּרייזן, פלעגן זיי זיך אַליין מאַכן זייער לעבן פאַר אַ גיהנום. די ערשטע קרבנות פון אָט־דער אומריינער קאָנקורענץ זיינען נאַטירלעך געווען די אַרבעטער, וועלכע זיינען כסדר געצוווּנגען געוואָרן צו אינטענסיווערער אַרבעט, אַרויסצוגעבן מער און דערביי שטענדיק אַרונטערפאַלן אונטער די רעדער. אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען אַלעס. די גאַנצע אינדוסטריע האָט זיך געשטיצט אויפן סיסטעם פון אַרבעטס־טיילונג. די נייע אימיגראַנטן, וועלכע פלעגן כסדר קומען פון רוסלאַנד און פון די אַנדערע מיזרח־לענדער און געמוזט תיכף נעמען טראַכטן ווי אַזוי צו פאַרדינען אויף פּרנסה, פלעגן זוכן באַשעפטיקונג אין די קליינע שוויצעשעפער, כדי דאָרט זיך אויסלערנען די אַרבעט ווי אַ „פּרעסער" אָדער אַ „מאַשיניסט". פאַר דעם צוועק האָבן זיי פריער געמוזט אָנהייבן אַרבעטן ווי „אונטערפּרעסער" אָדער „פלענמאַשינער", ווי לערניינגלעך, אַזוי צו זאָגן, און במשך פון בערך זעקס חדשים צייט מאַכן די נויטיקע צוגרייטונגס־אַרבעטן פאַר די פּרעסער און מאַשיניסטן, ביז זיי האָבן שוין געקאָנט אָנהייבן אַרבעטן זעלבסטשטענדיק. אָט־די אונטערשטע שיכט פון דער שוויצאינדוסטריע פלעגט בדרך כלל צוגענומען און באַצאָלט ווערן פון די פולשטענדיקע אַרבעטער גופא, ד״ה פון די „געזעלן". יעדער פּרעסער אָדער מאַשיניסט פלעגט געוויינלעך האָבן אַזאַ מין „באַהעלפער" נעבן זיך, אָבער ס׳זיינען אויך געווען גענוג פאַלן אַזעלכע, ווען איין געזעל פלעגט באַשעפטיקן צוויי אָדער דריי אַזעלכע „לערניינגלעך" און דערביי געהאַט פאַר זיך אַ נעבן־געשעפט. די קליינע אונטערנעמער פלעגן זיך ביי אָט־אַזאַ אַרבעטס־טיילונג גאַנץ לייכט אַרויסשלאָגן זייערס, ווייל דאָס האָט זיי געדינט ווי אַ באַקוועם אָנטרייבמיטל און די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער געמאַכטער אַרבעט האָט געהאַט דער זעלבסטשטענדיקער אַרבעטער אָדער בעל־מלאכה.

ביי אָט־דעם גיהנומדיקן סיסטעם האָט איינער געטריבן דעם אַנדערן. די גרוי־

סע קאָנפעקציע־קלייטן האָבן געטריבן די קליינע וואַרשטאַט־באַלעבאַטים צו אַן אומ־ברחמנותדיקער קאָנקורענץ צווישן זיך, וועלכע פלעגט געפירט ווערן מיט די אומ־ריינסטע מיטלען. די קליינע באַלעבאַטים ווידער האָבן אָנגעטריבן די אַרבעטער און זיי — יענע, וואָס זיינען געשטאַנען היגטער זיי, די „באַהעלפער“. אַזוי האָט איינער אונטערגעטריבן דעם אַנדערן און געזוכט ביי אים אַרויסצוקוועטשן וויפל ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. דער גאַנצער סיסטעם איז געווען געגליכן צו אַ ריזיקער מאַשין, ווו איין ראָד איז אַריינגעשניטן אין אַנדערן און יעדער איינער האָט געזען זיין לווינבאַרקייט אין אָנצוטרייבן דעם אַנדערן אַרויסצוגעבן וואָס מער און אים צו באַצאָלן וואָס ווייניקער.

אַז ס׳איז ביי אַזעלכע באַדינגונגען שווער געווען צו האָבן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין צווישן די אַרבעטער, איז פאַר יעדן איינעם לייכט צו פאַרשטיין. די הילפס־אַרבעטער האָבן געהאַט גאַנץ אַנדערע אינטערעסן ווי די געזעלן. דאָס האָט שפּעטער דערפירט צו דעם, אַז די ערשטע האָבן זיך געשאַפן אייגענע פאַריינען. אָבער אַזעל־כע פאַריינען האָבן בדרך כלל נישט געהאַט קיין לאַנגן קיום, מחמת די דויער פון דער מיטגלידערשאַפט האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ווי די צייט פון אויסלערנען זיך די מלאכה און דעריבער האָט מען כסדר געמוזט אָנהייבן פונדאָסניי. דאָס איז געווען אַ סיסיפאָס־אַרבעט אינעם ערגסטן טייטש פונעם וואָרט, וועלכע האָט קיינמאָל נישט געקאָנט האָבן קיין ממשותדיק מזל, כל־זמן דאָס גאַנצע סיסטעם וועט נישט אומגעביטן ווערן. עס איז נאָך, חוץ דעם, צוגעקומען די גרויסע צאָל יונגע פרויען, וועלכע איז געווען באַשעפטיקט אין דער אינדוסטריע. דעם רוב פון זיי איז נישט געווען לייכט צו געווינען פאַר אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פשוט דערפאַר, ווייל זיי פלעגן באַטראַכטן זייער אַרבעט אין די וואַרשטאַטן בלויז ווי אַ פאַרבייגייענדיקע דערשיינונג, ביז זיי וועלן חתונה האָבן.

דער ערשטער שריט, וועלכער האָט דאָ געמוזט געמאַכט ווערן, איז געווען צו פועלן ביי די אַרבעטער, אַז די לערניינגלעך זאָלן באַלאַנגען נישט צו זיי, נאָר צום באַלעבאָס גופא; אָבער דווקא דאָס איז אַ סך נישט געווען געפעלן, ווייל ס׳האָט פאַר זיי, לפּחות פון אָנהויב, באַדייט אַ היזק אין די הכנסות, און זיי אַליין פלעגן דאָך אַזוי שלעכט באַצאָלט ווערן, אַז אפילו דער מינדסטער צושטייער האָט פאַר זיי געמוזט זיין אַ גערנדיקער. הײַנט קאָן מען זיך מיסתמא קוים פאָרשטעלן, אין וואָס פאַראַ עלנטע פאַרהעלטענישן ס׳איז אויסגעקומען דעמאָלט דער ברייטער יידישער אַרבעטער־מאַסע צו פירן איר לעבן. די גרויסע מערהייט איז געווען באַשעפטיקט אין דער קאָנפעקציע־שניידעריי, ווו די אַרבעטס־טיילונג איז געווען דורכגעפירט ביז צום מינימום און די גאַנצע אינדוסטריע איז געווען איינגעשטעלט אויף דעם סכום פונעם אַרבעטס־פּראָדוקט. דער רוב האָט געאַרבעט אין ענגע, אומגעזונטע צימערן, אינעם באַרימטן „שוויצשאָפּ“ פון איסט־ענד, אין אַן אַטמאָספער, וועלכע איז שטענדיק געווען פול מיט די אויסדאַמפונגען פון שוויצנדיקע מענטשלעכע קער־פּערס און מיט די שווערע ריחות און רויך, וועלכע זיינען אַרויסגעקומען פונעם פרעסן נאַסע שלעכטע שטאָפן. קיין איינגעשטעלטע אַרבעטצייט איז לגמרי נישט

געוועזן. די אַרבעט איז געווען אָפּהענגיק פונעם סעזאָן. אין דער אַזויגערופענער גוטער צייט האָט מען געאַרבעט ממש טאָג און נאַכט, ביכדי צו קאָנען אויסהאַלטן די שלעכטע צייט, ווען ס׳איז געווען ווייניק אָדער גאָרנישט צו טאָן. אָט־דער גרויזאַמער אָנטרייב־סיסטעם האָט געהויערט ווי אַ שווערער באַרג אויף זיינע קרבנות און נישט איינעמס לעבן אונטערגעהאַקט אין סאַמע בלי פון זיינע יאָרן. ווער ס׳האָט קיינמאָל נישט געזען יענע ערטער פון דער גרויער נויט און פּיין און פון דער קריכנדיקער זאָרג, דער קאָן זיך קוים מאַכן אַ באַגריף וועגן דער טיפקייט פונעם לעבנס־תהום אין סאַמע מיט פון אַ געזעלשאַפט, וועלכע האָט פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע־פעיקייט פון דער אַרבעט צו אַ געוואַלטיקער הויך דורך דעם, וואָס זי האָט דעם מענטש גופא פאַרוואַנדלט אין אַ מאַשין און פונדעסטוועגן זיך געראַנגלט מיט אַן אומבאַגרייפלעכער האַרטהאַרציקייט מיט אַלע כוחות נישט צו וועלן פאַרזיכערן דעם פּראָדוצירער פון איר עשירות אַ מענטשנווירדיקע עקזיסטענץ.

מ׳האָט אונדז אָפט געמאַכט דעם פאַרוואורף, אַז אונדזערע שטרעבונגען זיינען אַזוי שטאַרק פאַרגאַלאָפּירט פאָרויס אין פאַרגלייך צו די פאַקטישע פאַרהעלטענישן, אַז מיר האָבן פאַרלוירן די פאַרשטענדעניש פאַר דערווירקלעכקייט פונעם לעבן און מיר ווילן מקריב זיין די קעגנוואַרט פאַר דער צוקונפט. ווער עס רעדט אַזוי, דער האָט קיינמאָל נישט באַנומען דעם אייגנטלעכן זין פון אונדזער אַקטיוויטעט. די אַנאַרכיסטן האָבן זינט די טעג פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל מיט אַלע זייערע כוחות מיטגעהאָלפן אין אַלע לענדער ביי יעדן ערנסטן פּרווו אויפצוהייבן דעם לעבנס־ניוואָ פון די אַרבעטער און זיי צו דערמעגלעכן אַ גרעסערן אָנטייל אין די מאַטעריעלע און גייסטיקע דערגרייכונגען פון דער צייט, און זיי האָבן קיינמאָל אין ערגעץ נישט געפעלט, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט צו געווינען נויטיקע פאַרבעסערונגען. אין די לאַטייניש לענדער, ווו די אידעע פונעם פרייהייטלעכן סאָציאַליזם האָט פון אָנהויב אָן זיך טיפער פאַרוואָרצלט צווישן די אַרבעטער־מאַסן, קאָן מען דאָס צום בעסטן באַמערקן. אַ סך פון די אָנגעזעענסטע כוחות אין די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פון פראַנקרייך, שפּאַניע, איטאַליע, פּאָרטוגאַל און זיד־אַמעריקע זיינען אַרויסגעקומען פון די אַנאַרכיסטישע רייען. זייער פּראַקטישע טעטיקייט און פרייער פאַר אַלץ זייער גייסטיקע ווירקונג האָבן אַזוי שטאַרק באַאיינפלוסט די אַרבעטער־באַוועגונג פון יענע לענדער, אַז קיין שום אָביעקטיווער און פון פאָראורטיילן פרייער באַאָבאַכטער קאָן דאָס נישט פאַרלייקענען. אָבער אפילו אין אַזעלכע לענדער, ווו דער אַנאַרכיזם האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין שטאַרקע אָנהענגערשאַפט, האָבן זיינע פאָרשטייער זיך תמיד ערלעך באַטייליקט אין די טאָג־טעגלעכע קאַמפן פון די אַרבעטער פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען.

וואָס שייך דער טעטיקייט פון די אַנאַרכיסטן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, איז גענוג צו כאַפּן אַ בליק אין די אַלטע יאָרגענג פונעם „אַרבייטער־פריינד", ביכדי ס׳זאָל יעדן איינעם קלאָר ווערן, ווי באַדנלאָז ס׳איז די נאַרישע באַהויפּטונג, אַז מיר האָבן נישט געהאַט קיין חוש פאַר דער פּראַקטישער ווירקלעכקייט און די אַרבעטער בלויז געשטאָפּט מיט אַ ווייטן צוקונפט־אידעאַל, אַנשטאָט

זיך צו פאַרנעמען מיט דער אוממיטלבאַרער פאַרבעסערונג פון זייער מאָמענטאַ־לער לאַגע. ס׳איז נישט געווען קיין שום שטרייק, קיין שום פאַרזאַמלונג פון פאַכ־אַרבעטער, קיין שום אפילו מינדסטער פרווו פון די אַרבעטער אין זייער קאַמף פאַרן טעגלעכן ברויט, אין וועלכן די אַנאַרכיסטן זאָלן נישט געווען האָבן דער גרעסטן אַנטייל. דער פאַקט איז, אַז אַלע יידישע פראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין איסט־ענד, און טאַקע אַלע אָן אויסנאַם, זיינען געשאַפן געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון די אַנאַרכיסטן. אויך די אומדערמידלעכע דערציונגס־אַרבעט, וועלכע איז דאָרט במשך פון אַ סך יאָרן נאָכאַנאַנד אָנגעפירט געוואָרן מיט אומדערמידלעכער ענערגיע, איז צום גרעסטן טייל אָנגעפירט געוואָרן פון זיי. אפילו ווען מ׳זאָל נישט מסכים זיין מיטן סאָציאַל־פילאָזאָפישן באַנעם פון די אַנאַרכיסטן, קאָן דאָך אָבער קיינער מיט אַן ערלעכן געוויסן נישט אַרויסקומען מיט דער טענה, אַז מיר האָבן אויף די געביטן פון דער סינדיקאַלער טאָג־טעגלעכער אַרבעט און אין דער דערציונג פון די מאַסן נישט געטאָן אַלעס, וואָס איז נאָר געווען אין אונדזערע כוחות און מעגלעכקייטן.

ס׳איז איבערהויפּט אַ גאַנץ טעותדיקע טענה, אַז די אַנאַרכיסטן וואַרפן פּרינ־ציפּיעל אָפּ אַלע פּראַקטישע פאַרבעסערונגען אין די ראַמען פון דער היינטיקער געזעלשאַפט, דערפאַר, וואָס זיי האָבן שטענדיק אין זינען דאָס גאַנצע און זיי ווילן דעריבער נישט מאַכן קיין קאָנצעסיעס די מאָמענטאַנע פאָדערונגען פון דער צייט. דאָס, וואָס ס׳האָט די אַנאַרכיסטן אונטערגעשיידט פון אַנדערע סאָציאַליסטישע שיטות אין באַצוג צו אָט־די עינינים, איז געווען בלויז דער אומשטאַנד, וואָס זיי האָבן פאַר די מאַסן שטענדיק געפּרעדיקט דעם רעיון, אַז אַזעלכע פאַרבעסערונגען, אָן אַ חילוק, צי זיי זיינען קליינע צי גרויסע, דאַרפן שטענדיק קומען פון זייער אייגענעם אימפּולס און דאַרפן זיי נישט אַראָפּפאַלן אָן אַ קאַמף, ווי אַ פרייוויליקע מתנה פון אויבן. דווקא ענגלאַנד, דאָס קלאַסישע לאַנד פון די רעפאָרמען, גיט אין דעם פּרט די בעסטע אָנשויונגס־לעקציע, וואָרן אַלע גרויסע פּאָליטישע און סאָציאַלע פאַרבעסערונגען, פון דער „מאַגנאַ טשאַרטאַ״ ביז צום צען־שעהדיקן געזעץ און אַלע שפּעטערדיקע רעפאָרם־פּרווון, זיינען פון די רעספּעקטיווע רעגירונגען אַרויסבאַקומען געוואָרן דורך גרויסע פאָלקס־באַוועגונגען, אויף וועמעס פאָדערונגען זיי האָבן געמוזט מסכים זיין, ביכדי צו פאַרהיטן פון עפּעס ערגערס.

דאָס איז טאַקע די סיבה, פאַרוואָס דעראָבערטע רעכטן און פרייהייטן האָבן נאָר דעמאָלט אַ ווערט און אַ האַפט, ווען זיי פאַרגרונטפעסטיקן זיך אינעם פאָלקס־באַוווסטזיין ווי אַ טיפע איבערצייגונג, ווערן ביי אים, אַזוי צו זאָגן, אַן אינערלעכע געוווינהייט, וועלכע מ׳איז שטענדיק גרייט צו פאַרטיידיקן. ערשט דעמאָלט, ווען אָט־די איבערצייגונג הייבט זיך אָן וואַקלען ביים פאָלק גופא און די מאַסן באַציען זיך גרינגשעצנדיק און גלייכגילטיק צו די דעראָבערונגען און דערגרייכונגען פון פאַרצייטנס, ערשט דעמאָלט וועט מען זיך וואַגן צו טשעפּען זייערע רעכטן און פריי־הייטן. אָט־דער פאַקט איז אַזוי אומאָפּפרעגבאַר, אַז מ׳וואָלט אים ממש געקאָנט באַ־צייכענען ווי אַ געזעץ פון דער געשיכטע, וועלכעס קאָן באַוויזן ווערן דורך אומ־צייליקע ביישפּילן אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון יעדן פאָלק. פאַר די

יידישע אַרבעטער אין ענגלאַנד האָט אָט־די אַלגעמיינע דערפאַרונג געהאַט אַ נאָך גרעסערע וויכטיקייט, ווייל ווי אויסלענדער האָט זיי געפעלט יעדע מעגלעכקייט צו ווירקן דורך פּאָליטישן דרוק פון דרויסן אויף דער געזעצגעבונג פונעם לאַנד, אַזוי אַז זיי זיינען געווען לגמרי אָנגעוויזן אויף זייערע אייגענע כוחות און גוט אָדער שלעכט האָבן זיי זיך געמוזט אַליין העלפן.

ווען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט דעריבער באַקומען אַן איבערראַשנ־דיקן אויפלעב, האָבן מיר געהאַלטן, אַז ס׳איז געקומען די צייט צו קאָנצענטרירן אונדזערע אָנשטרענגונגען אויף אַ גרויסן פּראַקטישן ציל, ביכדי נישט צו צעפּאַ־טערן אומזיסט די כוחות. דעריבער האָבן מיר אַרויסגעלאָזט די לאָזונג צוצוגרייטן די אַרבעטער אין די פאַרשידענע אינדוסטריעס צו אַ גרויסן און אַנטשיידנדיקן קאַמף קעגן דעם שוויצסיסטעם, ביכדי איין פאַר אַלע מאָל איינצופירן מענטשלעכע אַר־בעטס־באַדינגונגען אין איסט־ענד. מיר האָבן דערביי אין זינען געהאַט אַ צוויי־פאַכיקן ציל: ערשטנס צו באַפרייען די יידישע אַרבעטער פון אַ לאַסט, וועלכע איז מיטן לויף פון די יאָרן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אומדערטרעגלעכן יאָך, און צווייטנס, ביכדי איינצושטעלן צווישן זיי און צווישן די ענגלישע פּראָפאַריינען נאָר־מאַלע באַציונגען, וועלכע זיינען ביי די הערשנדיקע אומשטענדן קוים מעגלעך געווען. די אַנטוויקלונג פון גאַנצע אינדוסטריעס אין איסט־ענד, וועלכע האָבן נישט געהאַט איבער זיך קיין סינדיקאַלן קאָנטראָל, האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט זיין קיין גלייכגילטיקער עינין פאַר די ענגלישע אַרבעטער, ביפרט נאָך, וואָס אָט־די אַנטוויקלונג האָט וואָס ווייטער אַריינגעצויגן אַלץ ברייטערע קרייזן דורך דער כסדר־דיקער איינוואַנדערונג פון פרעמדע אַרבעטס־כוחות. אַזוי ווי די ענגלישע אַרבעטער זיינען איבערהויפּט נישט געווען באַקאַנט מיט די אייגנטלעכע סיבות פון אָט־דער דערשיינונג, האָט מען זיך נישט געקאָנט אויסהיטן דערפון, אַז ס׳זאָל אויף דעם אופן אַנטשטיין אַ געוויסער פּאָראורטייל, וועלכער האָט מיט דער צייט געקאָנט ווערן גע־פערלעך, ווען מ׳זאָל באַצייטנס נישט אָננעמען די געהעריקע מיטלען. אייניקע ענגלי־שע טרייד־יוניאָנס האָבן כסדר געפּרוווט אַריינציען די אַרבעטער פון איסט־ענד אין זייערע אָרגאַניזאַציעס. אָבער דער דוחק אין קעגנזייטיקער פאַרשטענדע־ניש און קודם־כל דער אונטערשייד אין די אַרבעטס־באַדינגונגען איז געווען פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס כימעט אַלע דידאָזיקע פּרווון האָבן נישט געבראַכט דעם געגאַרטן רעזולטאַט. נאָר אַ גענצלעכע איבעראַנדערשונג פון די אַרבעטס־פאַרהעלטענישן האָט דאָ געקאָנט העלפן.

אַז אַזעלכע פּאָראורטיילן האָבן פּאַקטיש עקזיסטירט און דאָס נישט בלויז ביי פּשוטע אַרבעטער, נייערט אויך ביי געוויסע פירער פון דער ענגלישער פּראָפעסיאָ־נעלער באַוועגונג, דאָס איז אומאָפּפרעגבאַר. קורץ פאַר דער גרויסער מאָסן־דעמאָנ־סטראַציע קעגן דעם מאָסן־מאָרד אין קישענעוו האָבן מיר פאַר דעם געהאַט אַ זייער בולטן ביישפּיל, ווען דזשיימס מאַקדאָנאַלד, דער פּאָרזיצער פונעם לאָנדאָנער טרייד־קאָנסיל, האָט אָפּגעזאָגט די פאַרבעטונג פונעם קאָמיטעט פאַר דער פּראָטעסט־באַוועגונג צו קומען ווי אַ רעדנער אויפן מיטינג. ער האָט דאָס באַגרינדעט דערמיט,

וואָס יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן האָבן געאַרבעט ווי שטרייקברעכער פאַר באַלע־באַטים אין עדינבורג און דערמיט געהאָלפן צעברעכן די שטרייק־באַוועגונג פון די ענגלישע קעמפנדיקע אַרבעט. מאַקדאָנאַלד האָט דעמאָלט אפילו פאַרעפנטלעכט זיין דערקלערונג אינעם „רעינאָלדס ניוס פּייפּער" און דעם עיניין אַזוי אַרום אַרויס־געטראָגן פאַרן דעת־הקהל אין ברייטע קרייזן. צי זיין באַשולדיקונג איז טאַקע געווען אָן אמתע האָט קיינמאָל נישט געקאָנט באַוויזן ווערן, ווייל די באַקלייד־אינדוסטריע אין איסט־ענד איז געווען צעוואָרפן אין הונדערטער קליינע וואַרשטאַטלעך און ס׳איז געווען זייער שווער דורכצופירן אַ שאַרפן קאָנטראָל.

ס׳איז אָן ספק, אַז מאַקדאָנאַלדס האַלטונג אין דעמאָלט בשום אופן נישט געווען באַרעכטיקט, ווייל קודם־כל האָט זיך ביי יענער פּראָטעסט־מאַניפעסטאַציע גע־האַנדלט וועגן אַן אַקט פון מענטשלעכקייט קעגן די פאַרברעכנס פון אַ באַשולדיק־טער רעגירונג, והשנית זיינען די אַראַנזשירער פון אָט־דער מאַניפעסטאַציע געווען אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וועלכע זיינען פּונקט אַזוי געווען קעגן שטרייקברע־כעריי ווי מאַקדאָנאַלד גופא. ער האָט דאָס טאַקע שפּעטער אַליין צוגעגעבן און גע־בעטן מחילה אַזוי גוט ווי ער האָט געקאָנט פאַר זיין האַלטונג, נאָכדעם ווי די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן אַרויסגעטראָגן אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן אים.

לכל הדעות האָט אָט־דער פאַל דייטלעך געוויזן, אַז ס׳מוז געטאָן ווערן עפּעס אַנטשיידנדיקס, ביכדי אָפּצושניידן די פליגל פון אַזעלכע, צום באַדויערן, נישט אינגאַנצן אומבאַגרינדעטע באַשולדיקונגען. איך האָב דעמאָלט געשריבן אין „אַרבייטער־פריינד" אַ היפּשע צאָל אַרטיקלען, ביכדי קלאָר צו מאַכן די יידישע אַרבעטער, אַז זיי אַליין מוזן נעמען די איניציאַטיוו, ביכדי צו דערמעגלעכן אַ האַרמאָניש פאַרהעל־טעניש מיט די ענגלישע אַרבעטער און דאָס טאַקע דערפאַר, ווייל זיי זיינען אויס־לענדער, און ווי אַזעלכע טאָרן זיי אוודאי נישט פאַרגעסן אין אָט־דער פליכט.

דערמוטיקט דורכן מעכטיקן אויפלעב פון דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג אויפן איראָפּעישן קאָנטינענט און פון די גרויסע שטרייקן אין פראַנקרייך, שפּאַניע, איטאַליע און האָלאַנד, האָט זיך ביי אונדזערע חברים אַלץ מער פאַרשטאַרקט די איבערצייגונג, אַז דעם פאַרהאַסטן שוויצסיסטעם קאָן מען גובר זיין נאָר דורך אַזעלכע און ענלעכע האַנדלונגען. אַזוי ווי די שטימונג צווישן דער אַרבעטערשאַפט איז דע־מאָלט געווען זייער גינציק פאַר אונדז, האָבן מיר אין און מחוץ די אַרבעטער־פאַריינען דורכגעפירט אַן אויסערגעוויינלעך־שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַן אַלגע־מיינער שטרייק־באַוועגונג, ביכדי אָפּצושאַפן יענעם מענטשן־אומווירדיקן אַרבעטס־סיסטעם. אָן אַ שיעור פאַרזאַמלונגען זיינען דורכגעפירט געוואָרן צו פּאָפּולאַריזירן אָט־דעם געדאַנק; אויך דער „אַרבייטער־פריינד" האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן דערמיט און ס׳איז נאָך פאַר דעם צוועק פאַרשפּרייט געוואָרן דאָס באַקאַנטע ביכעלע פון אַרנאָלד ראָללער וועגן דעם באַדייט פונעם גענעראַל־שטרייק. אונטערן איינפלוס פון יענער קעמפערישער שטימונג זיינען מיר געווען אימשטאַנד אַרויסצוגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד" פונעם יאָר 1904 אָן אין 12 זייטן מיט אַ פּירזייטיקן ליטעראַרישן צוגאָב.

דעם 6טן אַפּריל 1904 איז אינעם גרויסן ספּאָרט־האַל פון „וואָנדערלאַנד", אין ווייטשעפּעל, פאָרגעקומען אַ גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיטן עינין פונעם גענעראַל־שטרייק. ס'איז געווען די גרעסטע דעמאָנסטראַציע פון דעם מין, וועלכע די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון לאָנדאָן האָט ביז דעמאָלט דורכגעפירט. די פינף טויזנט זיצפּלעצער פונעם ריזיקן זאַל זיינען געווען באַזעצט און גרויסע מאַסן אַרבעטער זיינען געבליבן אינדרויסן, ווייל זיי האָבן שוין נישט געקאָנט אַריינקומען אינעווייניק און די טירן זיינען פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער פּאָליציי, כּדי אויסצוהיטן פון אַ צו שטאַרקער איבערפולונג פונעם זאַל. חוץ אונ־דזערע רעדנער פון איסט־ענד האָבן נאָך יענעם אָוונט גערעדט כּימעט אַלע באַקאַנ־טע רעדנער פון אונדזער באַוועגונג אין לאָנדאָן: מאַלאַטעסטאַ, טאַררידאַ דעל מאַר־מאָל, טשערקעסאָוו, טשאַיקאָווסקי, מאַינוועריגג, קעלי, לעגאַט, טוירנער, קיץ און מאַובראַי, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער פאַרזאַמלונג. קראָפּאָטקין, וועלכער איז צוליב קראַנקייט נישט געווען אימשטאַנד צו קומען, האָט צוגעשיקט אַ לענגערן באַ־גריסונגס־בריוו און גערעדט וועגן דעם באַדייט פונעם גענעראַל־שטרייק פאַרן אַרבע־טער־קלאַס. דער בריוו איז פון דער פאַרזאַמלונג שטורמיש אַפּלאָדירט געוואָרן. ס'איז געווען איינע פון די איינדרוקספולסטע דעמאָנסטראַציעס, וועלכע איז דורכ־געפירט געוואָרן פון דער פעדעראַציע פון יידישע אַנאַרכיסטן.

אויך דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון יידישע בעקער־אַרבעטער, וועלכע זיינען זיבנט וואָכן שוין געשטאַנען אין אַ שווערן געראַנגל וועגן לוין־עינינים, האָט נישט פאַרגעסן צוצושיקן צו דער פאַרזאַמלונג אַן אויסדרוק פון סימפּאַטיע. יענער שטרייק פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן באַזונדער, נישט נאָר דערפאַר, וואָס ער איז געווען דער אָנהויב, דער אַריינפיר צו אַ געוויסער צאָל שטרייקן אין פאַרשידענע אינ־דוסטריעס, נייערט אויך דערפאַר, וואָס ער האָט אונדז בולט באַוויזן, ווי אַזוי אַ קליי־נער קאַמף פאַר בעסערן לוין קאָן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויס געשעעניש, ווען ער ווערט באַגלייט פון דער סימפּאַטיע פון דער עפנטלעכער מיינונג. די בעקער־אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן דעם קאַמף, כּדי אויסצופועלן אַ פאַרבעסערונג אין זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען. אין אָנבליק פון דער אַלגעמיינער שטימונג אויף איסט־ענד וואָלט זיך די אָרגאַניזאַציע פון די בעקער־באַלעבאַטים מיסתמא לאַנג נישט געווען געהאַלטן איינגעשפּאַרט, ווען די אַרבעטער וואָלטן נישט געווען געפאָדערט איינצו־פירן דעם טרייד־יוניאָן־לייבעל (אַ קאָנטראָל־מאַרקע). קעגן דעם האָבן זיך די באַ־לעבאַטים אַרויסגעשטעלט מיט זייער גאַנצן לייב און לעבן, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט געבן די אַרבעטער קיין געווער אין די הענט, וואָס וואָלט זיי אויך ביי די שפּעטערדיקע לוין־פאָדערונגען געקאָנט זייער גוט צונוצקומען.

אַזוי אַרום איז דער קאַמף פון די בעקער געוואָרן אַן עינין פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטערשאַפט, וועלכע האָט במשך פון אַ סך וואָכן געהאַלטן געשפּאַנט די גאַנצע מיזרח־טייל לאָנדאָנס און איז געווען באַגלייט מיט אַ זעלטענער סאָלי־דאַריטעט. די אַרבעטער פון אַלע פאַכן האָבן זיך איצט אויך באַשיצט ווי קעמפנ־דיקע קאָנסומירער, כּדי צו העלפן די בעקער־אַרבעטער איינפירן דעם „לייבעל".

באַזונדערס דאַרפן דערמאָנט ווערן די פרויען, וועלכע האָבן זיך אויפגעפירט גרויס־אַרטיק. אַ געוויסע צאָל קלענערע בעקער־באַלעבאַטים, קליגערע ווי די אַנדערע, האָבן באַלד אין דער ערשטער וואָך פונעם שטרייק געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיטן פאַריין פון די בעקער־אַרבעטער און אויך נאָכגעגעבן די פאָדערונג איינצופירן די פאַריינס־מאַרקע אויפן ברויט. אַזוי ווי אין לאָנדאָן פלעגט פאַרקויפט ווערן ברויט נישט נאָר אין די בעקערייען, נייערט אויך אין אַלע קליי‎טלעך פון לעבנסמיטלען, האָבן דאָ די פרויען געהאַט די בעסטע געלעגנהייט אונטערצושטיצן די פאָדערונג פון די שטרייקנ־דיקע בעקער און פאָדערן ברויט מיט דער מאַרקע. זיי פלעגן קומען אין די קלייט־לעך, געמאַכט אַ גרעסערן איינקויף און לסוף אויך פאַרלאַנגט ברויט. ווען דער קלייטניק האָט זיי געגעבן אַ ברויט אָן דער מאַרקע, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט עס צו נעמען און אויך נישט געוואָלט נעמען דעם גאַנצן איינקויף און דערקלערט, אַז זיי וועלן מער נישט קומען קויפן אין אַ קלייט, וועלכע באַט־אָן ברויט פון שטרייק־ברעכער. די קליינע קלייטלעך, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט אויסשטעלן צו דער סכנה צו פאַרלירן די קונדן, זיינען געצוווּנגען צו ברענגען ברויט פון די בעקערייען, וועלכע האָבן נאָכגעגעבן די פאָדערונג פון די אַרבעטער. דערדאָזיקער אייגנאַרטיקער און גלענצנדיק־דורכגעפירטער באָיקאָט האָט געהאַט אַ שטאַרק איבעררעאַשנדיקן דערפאָלג און האָט ממשותדיק צוגעהאָלפן צו דעם, אַז נישט געקוקט אויפן פאַרביסענעם ווידערשטאַנד פון די באַלעבאַטים, זאָל זיך דער שטרייק נאָך עטלעכע וואָכן ענדיקן מיט אַ פולשטענדיקן ניצחון פון די אַרבעטער.

דער פאַריין פון די בעקער־אַרבעטער איז באַלד נאָכדעם אפילו געווען אימשטאַנד צו שאַפן אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, וועלכע האָט דערנאָך, צום באַדויערן, געמוזט אויפגעגעבן ווערן, אָבער דאָס איז געווען בלויז דערפאַר, ווייל די אַרבעטער פון יענער צייט זיינען נאָך נישט געווען פראַקטיש אין דער גוטער געשעפטלעכער פאַר־וואַלטונג פון אַזאַ אונטערנעמונג. יעדנפאַלס האָבן די בעקער דורך דער איינפירונג פון דער פאַריינס־מאַרקע באַקומען אַ גוט געווער אין זייערע הענט און דאָס האָט זיי דערלויבט ביסלעכווייז איינצופירן אין זייער פאַך אַזעלכע אַרבעטס־באַדינגונגען, פאַר וועלכע ס׳האָבן זיך אין זיי מתקנא געווען אפילו די ענגלישע קאָלעגן זייערע.

אונדזער אומדערמידלעכע פראָפּאַגאַנדע און דער זיגערישער שטרייק פון די בעקער האָבן שטאַרק דערמוטיקט די ווידערשטאַנדסקראַפט פון דער אַרבעטער־שאַפט און זי איבערצייגט, אַז דער שוויצסיסטעם קאָן זייער לייכט בייגעקומען ווערן דורך אַ גרויסער אַלגעמיינער אַקציע פון די אַרבעטער. דערדאָזיקער געדאַנק איז לגמרי נישט געווען אַזאַ אַוואַנטוריסטישער ווי ער האָט זיך עמעצן געקאָנט אויס־ווייזן. דער רוב אינדוסטריעס אין איסט־ענד, אין וועלכע ס׳זיינען געווען באַשעפ־טיקט די יידישע אַרבעטער, זיינען געווען זעלבסטשטענדיקע פראָדוקציע־צווייגן און כימעט גענצלעך אומאָפּהענגיק פון דער ענגלישער אינדוסטריע. דאָס איז באַזונ־דערס געווען חל אויף דער קאָנפעקציע־שניידעריי, וועלכע האָט באַשעפטיקט צוויי דריטל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. די ענגלישע „אַמאַלגאַמייטעד סאָסייטי אָוו טיילאָרס" אין דער מערב־טייל פון לאָנדאָן, צו וועלכער ס׳האָבן אויך באַלאַנגט אַ סך

דייטשע, פראַנצויזישע, טשעכישע און אַרבעטער פון אַנדערע לענדער, איז בעיקר געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון בעלי־מלאכות, וועלכע פלעגן בלויז מאַכן באַשטעלונגס־אַרבעט לויט דער מאָס און ביי זיי איז דעריבער נישט געווען איינגעפירט דער סיס־טעם פון דער אַרבעטסטיילונג, אויף וועלכער ס׳האָט זיך געשטיצט די שניידעריי־אַרבעט אין די קליינע שוויצשעפּער אין איסט־ענד. די יידישע אַרבעטער זיינען דע־ריבער לחלוטין נישט געווען אָפּהענגיק פון אַ דירעקטער מיטהילף פון די ענגלישע פאַכפאַריינען און זיי האָבן דעריבער גאַנץ גוט געקאָנט אָנהייבן אַ זעלבסטשטענדיקע אַקציע גובר צו זיין און אָפּצושאַפן איינס פון די שוידערלעכסטע פאַרזעענישן פון מענטשלעכער עקספּלואַטאַציע, אויב נאָר זיי וועלן זיין אימשטאַנד זיך צו איבערצייגן אין דער נויטיקייט דערפון און אויך האָבן די געהעריקע אַנטשלאָסנקייט.

צו יענער צייט אָבער, ד״ה פון 1904 ביז 1911, האָבן ערשט געמוזט געמאַכט ווערן די נויטיקע צוגרייטונגען פאַר אַזאַ אַקציע און די אַרבעטער האָבן געדאַרפט גייסטיק דערצויגן ווערן, אַז זיי זאָלן קאָנען אונטערנעמען אַזאַ קאַמף און קאָנען אַרויס זיגעריש פון אים. פאַר אָט־דער דערציונגס־אַרבעט האָבן אונדזערע חברים אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און ביי אונדזערע אייגענע פאַרזאַמלונגען אַנט־וויקלט אַן אומדערמידלעכע אַקטיוויטעט און דערביי אַרויסגעוויזן אַזאַ קרבנות־גרייטקייט און אַזאַ ווילנס־שטאַרקייט, וועלכע קאָנען באַטראַכט ווערן ווי אומאיבער־טרעפלעך.

## אַפּקלאַנגען פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין רוסלאַנד

אַ נישט מיט דער האַנט אָוועקמאַכנדיקן איינפלוס אויפן מעכטיקן אויפלעב פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד האָבן געהאַט די גרויסע רעוואָ־לוציאָנערע געשעענישן אין רוסלאַנד פון יענער צייט. מ׳האָט געפילט דייטלעך, אַז די טעג פונעם צאַרישן רעזשים זיינען געציילטע און אַז זיינע פאַרשטייער וועלן שוין לאַנג נישט זיין אימשטאַנד אָפּצוהאַלטן דעם אַלגעמיינעם אויפברויז, וועלכער איז אין אַלע טיילן פונעם לאַנד אָנגעוואַקסן ווי אַ לאַווע. קיינער וואָלט דעמאָלט נישט געוועזן געגלייבט, אַז ס׳וועלן נאָך מוזן אַריבער כימעט פופצן יאָר, ביז ס׳וועט פאָרקומען דער לאַנג־דערוואַרטער קראַך און דאָס ביי אַזעלכע אומשטענדן, וועלכע ס׳איז געוועזן שווער, אַז עמעצער זאָל זיי געוועזן קאָנען האָבן פאָרויסגעזען. פאַר מיר איז עס דעמאָלט געוועזן אַ גאַנץ איבעררעשנדיקע דערשיינונג צו באַאָבאַכטן, מיט וואָס פאַראַ פיבערהאַפטן אינטערעס די יידישע אַרבעטער זיינען נאָכגעגאַנגען דעם גאַנג פון די געשעענישן אין זייער אַלטן היימלאַנד. מ׳האָט גיכער געקאָנט מיינען, אַז מענטשן, וועמען ס׳איז אין רוסלאַנד אָנגעטאָן געוואָרן אַזעלכע גרויסע צרות, ווו זיי זיינען פון דער וויג ביז צום קבר באַהאַנדלט געוואָרן ווי דערנידעריקטע, מינדערוועטיקע, וועלן נאָך קוים קאָנען האָבן אַוועלכע־ס׳איז אינערלעכע באַציונג צו אַזאַ לאַנד. אָבער דיווירקלעכקייט האָט געוויזן אַ גאַנץ אַנדער בילד. דידאָזיקע יידישע פּראָלעטאַריער האָבן נאָך אַלץ געפילט אַן אינערלעכע נשמהדיקע צוגע־בונדנקייט צו זייער געוועזענער היים, און הגם זיי האָבן שטאַרק פיינט געהאַט די רוסישע רעגירונג, זיינען זיי אָבער פונדעסטוועגן געוועזן אויף אַזוי פיל מער צוגע־בייגט און גוט געשטימט צום רוסישן פאָלק און האָבן זיך מיט ליידנשאַפטלעכער שפּאַ־נונג פאַראינטערעסירט מיט זיין קאַמף פאַר באַפרייונג. ס׳וואָלט געוועזן שווער צו וועלן יענץ געפיל באַצייכענען ווי פּאַטריאָטיזם, מחמת דאָס איז דעמאָלט פאַר די יידישע אַרבעטער געוועזן לגמרי פרעמד; ס׳האָט אָבער יאָ געקאָנט זיין שטילע בענק־שאַפט צו די אַלטע ערטער, ווו זיי האָבן באַקומען די ערשטע און אָנהאַלטנדיקע איינדרוקן פון זייער פריער יוגנט.

דורכן אויסברוך פון דער מילחמה מיט יאַפּאַן איז זיך די רעוואָלוציאָנערע באַ־וועגונג אין רוסלאַנד, וועלכע האָט במשך פון אַ סך יאָרן כסדר געברויזט אין די טיפסטע טיפענישן פונעם פאָלק, ערשט רעכט צעוואַקסן. די געשעענישן זיינען

געקומען איינע נאָך די אַנדערע און האָבן אָנגעטראָפן אין אַלע לענדער אַ מעכטיקן אָפּקלאַנג. ס׳איז מיסתמא נישט געווען נאָך אַ מילחמה ערגעצוו, וועלכע זאָל ביי אַ גאַנצן פאָלק אַרויסרופן אַזאַ אַלגעמיינע פאַרביטערונג ווי יענע מילחמה מיט יאַפּאַן. די רוסישע מושלים האָבן געדאַרפט האָבן פאַרלוירן דעם קאָפּ זייערן, ווען זיי האָבן דערלאָזט, ס׳זאָל קומען צו אַ מילחמה, אין וועלכער זיי האָבן פאַקטיש איינגעשטעלט אַלעס און געהאַט זייער וויניק צו געווינען. דאָס גאַנצע לאַנד איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַן אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן קריזיס, דורך וועלכן די אינערלעכע אומצופרידנהייט איז דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה. ס׳איז דעריבער מיסתמא ריכטיק די השערה, אַז די רעאַקציאָנערע קאַמאַרילע אינעם רוסישן הויף, מיט פּאָביעדאָנאָסצעוו און פּלעווע בראש, האָט זיך פאַקטיש איינגערעדט, צו קאָנען דורכן קריג אָפּציען די אַלגעמיינע אומצופרידנהייט אין אַן אַנדער ריכטונג. אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט פאַר דעם, וואָרן מ׳קאָן אַ פאָלק גאַנץ אָפט אָפּנאַרן, ווי לינקאָלן האָט געזאָגט, אָבער נישט פירן ביי דער נאָז אויף אַלע אייביקייטן.

די אַלגעמיינע צעמישעניש אין דער אַרמיי און אין פלאָט האָט שוין נישט געלאָזט אויפקומען דעם געדאַנק וועגן אַ ניצחון און דער טראַגיקאָמישער עפּיזאָד ביי דער דאָגגער באַנק אין צפונדיקן ים, ווו דער רוסישער פלאָט פונעם אַדמיראַל ראָשעסווענצקי, וועלכער האָט זיך אַרויסגעלאָזט צום ווייטן מיזרח, האָט גענומען באַשיסן אַן ענגלישן פישערפלאָט, ווייל ער האָט געמיינט פאַר זיך צו האָבן יאַפּאַנישע טאָרפּעדאָשיפלעך, איז שוין נישט געווען קיין גאָר גוטער סימן. יענער עפּיזאָד, וועלכער האָט דעמאָלט אָנגעמאַכט אַזאַ רעש, האָט כימעט שיעור־שיעור פּראָוואָצירט אַ מילחמה מיט ענגלאַנד און האָט זיכער נישט צוגעהאָלפן צו געווינען די עפנטלעכע מיינונג פאַר רוסלאַנד.

אין רוסלאַנד גופא איז באַלד געקומען צו עפנטלעכע דעמאָנסטראַציעס קעגן קריג און קעגן דער אויטאָקראַטיע. אין פּעטערבורג און מאָסקווע איז עס געקומען צו אָפענע דעמאָנסטראַציעס פון די סטודענטן, וועלכע האָבן טאַקע פון אָנהויב געקאָנט פונאַנדערגעטריבן ווערן דורך דער פּאָליציי, אָבער ס׳זיינען באַלד אַנטשטאַנען בייזע אומרוען אין דרום־רוסלאַנד, אין פּוילן און אין קאַווקאַז. דעם 28סטן יולי איז אומגעבראַכט געוואָרן דער פאַרהאַסטער אינערנמיניסטער פאָן פּלעווע דורך מיטגלידער פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן; דערדאָזיקער אַטענטאַט איז געווען ווי אַ בליצשטראַל און האָט גערופן אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער וועלט אויף די אוממעגלעכע צושטאַנדן אינעם צאַרישן לאַנד. מיט פּלעוועס אומקום איז געפאַלן איינע פון די שטאַרקסטע זיילן פון דער רעאַקציע, אַ זייל, אָן וועלכן דער אויטאָקראַטישער רעזשים האָט זיך פּונקט דעמאָלט צום ווייניקסטן געקאָנט באַגיין. דעמזעלביקן חודש האָט זיך אין דער אויסלענדישער פּרעסע צום ערשטן מאָל באַוויזן טאָלסטאָיס מעכטיקער פּראָטעסט קעגן דעם קריג, וועלכער האָט געמאַכט אַן אומבאַשרייבלעכן איינדרוק. יענער פּראָטעסט איז געווען דאָס שטאַרקסטע, וואָס אַן איינצלנער מענטש האָט ווען־עס־איז געוואַגט אַרויסצוברענגען אין אַ דעספּאָטישן לאַנד. מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי ס׳איז געווען צו מוט דעם צאַר, ווען

ער האָט געהאַט פאַר זיך דעמדאָזיקן מוראדיקן אָנקלאַג קעגן אַ סיסטעם, וועמעס פאַרשטייער ער איז געווען. וואָס האָט ער געדאַרפט פילן, ווען ער האָט געלייענט:

„ווען וועט דאָס אָפּגענאַרטע פאָלק קומען צו זיך און זאָגן: גוט, גייט אַליין, איר האַרצלאָזע צאַרן, מיקאַדאָס, מיניסטערס, בישאָפן, גלחים, גענעראַלן, צייטונגס־שרייבער, שפּעקולאַנטן אָדער ווער און וואָס איר זיינט דאָרט, גייט אַליין אַריין אינעם פייער פון די גראַנאַטן און קוילן, אָבער מיר באַגערן נישט צו גיין און ווילן נישט גיין. אָבער ניין, די מענטשן זאָגן דאָס נישט. זיי גייען און וועלן אויך ווייטער גיין מיט פאַרצווייפלונג אינעם האַרץ״.

און פונדעסטוועגן האָט מען נישט געוואַגט אינעם צאַריסטישן רוסלאַנד אַרויפצולייגן אַ האַנט אויפן פילאָזאָף פון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, אין וועמעס פּערזאָן ס׳האָט זיך פאַרקערפּערט דאָס געוויסן פון דער וועלט. מ׳האָט זיך בלויז באַנוגנט דערמיט, אים אַרויסצושטויסן פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך און אויף זיין שריפט אַרויפצולייגן דעם חרם פונעם הייליקן סינאָד. וואָס וואָלט פּאַסירט מיט טאָלסטאָיען, ווען ער וואָלט געלעבט אין סטאַלינס רוסלאַנד אָדער אין היטלערס דריטן רייך?

פון דעם מאָמענט אָן איז שוין נישט געווען קיין אָפּשטעל און די לאַגע איז פאַר דער רעגירונג געוואָרן אַלץ סכנהדיקער, ביפּרט נאָכדעם ווי די צוויי אולטראַ־רעאַקציאָנערע גרויספירשטן סערגיי און אַלעקסאַנדער האָבן באַוויזן דעם אָבער־גלויבישן און ווילנסשוואַכן צאַר צוריקצוציען די שוין צוגעזאָגטע רעפאָרמען אָדער אָפּצושלעפּן זייער איינפיר. אין יענעם אומגליקלעכן הויף זיינען אַלע געווען געשטראָפט מיט בלינדקייט און האָבן נישט פאַרשטאַנען אויסצוטייטשן די פייער־דיקע ווערטער אויף דער וואַנט. אין אָקטאָבער איז אין סמאָלענסק, וויטעבסק, קיעוו און ספּעציעל אין מאָהילעוו געקומען צו אַן אָפענעם בונט צווישן די רעזערוויסטן, וועלכע מ׳האָט איינבאַרופן צו שיקן אין קריג אַריין. אין מאָהילעוו האָבן 3.500 רעזערוויסטן צעבונטעוועט די גאַנצע שטאָט און פאַרברענט אַלע שענקען, ווייל מ׳האָט געפּרוווט אונטערהאַלטן די באַגייסטערונג פאַר דער מילחמה צווישן די זעלנער מיט דער הילף פון בראָנפן. אויך די „זעמסטוואָס״ האָבן זיך אָנגעהויבן בונטעווען און זיי האָבן ביי אַ געמיינשאַפטלעכער באַראַטונג פון זייערע פאַרטרע־טער אין פּעטערסבורג פאַרלאַנגט פון דער רעגירונג פרייהייט צו רעדן און צו שרייבן, פריי זיך צו פאַרזאַמלען, זעלבסטשטענדיקע רעכט פון די שטאָט־פאַרוואַל־טונגען אָנצונעמען באַשלוסן און די צונויפרופונג פון אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג.

ס׳איז אמת, אַז די רעגירונג האָט באַוויזן אונטערצודריקן אָט־די אַלע פּרוון, אָבער ווען ס׳האָבן זיך ביסלעכווייז דורכגעזייפט די ערשטע ידיעות וועגן די בלוטי־קע מפּלות אין מאַנדזשוריע און זיי זיינען באַקאַנט געוואָרן צווישן פאָלק, האָט די פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן דער מילחמה באַקומען אַ נאָך שטאַרקערן אויפלעב. גאַסן־אומרוען אין מאָסקווע און פּעטערבורג, מרידות צווישן די זעלנער און מאַ־טראָזן, צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי אין אַלע טיילן פון לאַנד זיינען פאָרגע־קומען כסדר, יעדעס מאָל אויף אַן אַנדערן פּלאַץ. אין יאַנואַר 1905 זיינען 12.000 אַרבעטער פון פּוטילאָוו־זאַוואָד אין פּעטערבורג אַרויס אין שטרייק; צו זיי האָבן

זיך באַלד אָנגעשלאָסן די אַרבעטער פון די פראַנצויזיש־רוסישע זאַוואָדן און פון די שיפסווערפטן אויף דער נעווא, אַזוי אַז די צאָל פון די שטרייקער איז אין עטלע־כע טעג בלויז דערגאַנגען צו 60.000.

אָט־די באַוועגונג איז געווען די אוממיטלבאַרע סיבה דערפון, וואָס האָט דעם 22סטן יאַנואַר אין פעטערבורג דערפירט צו דער שוידערלעכער שחיטה פון אומבאַ־וואָפנטע און אומבאַשיצטע מענער, פרויען און קינדער און וועלכע איז פאַרצייכנט געוואָרן אין דער געשיכטע ווי דער רויטער זונטיק. צוויי גלחים, גאַפּאָן און סער־גיוס, האָבן אויפגעפאָדערט די אַרבעטער דורכצופירן אַ פרידלעכע מאַסן־דעמאָנ־סטראַציע. מ׳האָט געוואָלט מאַרשירן צום ווינטער־פּאַלאַץ, ביכדי איבערצוגעבן דעם צאַר אַ פעטיציע פון די שטרייקנדיקע אַרבעטער. אַזוי ווי אָבער דער פּאַלאַץ איז פון אַלע זייטן געווען פאַרשפּאַרט דורך מיליטער און פּאָליציי, האָט עס אומפאַר־מיידלעך געמוזט קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע. פאָרויס פאַר דער דעמאָנסטראַציע זיינען געטראָגן געוואָרן איקאָנעס און ניקאָלאַיס דעם צווייטנס אַ גרויס בילד און די מאַסע האָט געזונגען כאָראַלן און „באָזשע צאַרא אָכראַן״. אונטערן דרוק פון דער אָנמאַרשירנדיקער מאַסע זיינען די באַשיצער פונעם פּאַלאַץ אַלץ מער צוריקגעשטויסן געוואָרן, ביז די זעלנער האָבן, אויפן באַפעל פון זייערע צעטומלטע אָפיצירן, געעפנט אַ מערדעריש פייער אויף די געדיכט צוזאַמענגעקוועטשטע מאַסן, אַ שיסעריי, וועמעס פּועל־יוצא איז געווען שוידערלעך. דער גאַנצער פּלאַץ איז אין איין אויגנבליק געווען באַדעקט מיט טויטע און פאַרוווּנדעטע און גרויסע בלוט־פלעקן האָבן געפאַרבט דעם הויכן שיכט שניי. די אומבאַוואָפנטע מענטשן האָבן נאַטירלעך נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד, נאָר זיינען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ ווילדער פּאַניק און זיי האָבן געזוכט, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען אַזוי גוט ווי ס׳איז מעגלעך געווען. לויט די דאַטן פון דער אָפיציעלער אינפאָרמאַציע זיינען דעמאָלט געהרגעט געוואָרן 96 מענטשן און 333 זיינען מער אָדער ווייניקער שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן, צווישן זיי אויך פרויען און קינדער. אינדעראמתן אָבער איז די צאָל פון די קרבנות געווען אַ סך גרעסער ווי די רעגירונג האָט געהאַלטן פאַר נויטיק צו לאָזן וויסן.

דידאָזיקע ברוטאַלע און אומזיניקע מאַסן־שחיטה, וועלכע האָט ביי דער דעמאָל־טיקער שטימונג אין לאַנד געמוזט זיין אומגליק ברענגענדיק פאַר די פאַראַנטוואָרט־לעכע, האָט אומעטום אַרויסגערופן אַ שטורעם פון אויפברויז. פּראָטעסט־שטרייק, אין וועלכע ס׳האָבן זיך באַטייליקט מער ווי 250.000 אַרבעטער, און גאַסן־אומרוען זיינען פאָרגעקומען אין אַלע טיילן פונעם לאַנד. אין פינלאַנד, ריגע, טיפליס, באַטום, באַקו, סאַמאַראַ, סאַראַטאָוו און אין אַ סך אַנדערע ערטער האָט דידאָזיקע באַוועגונג אָנגענומען באַזונדערס געפערלעכע פאָרמען. צום געפערלעכסטן איז די לאַגע גע־וואָרן אין פּוילן, וווּ די פּראָטעסט־באַוועגונג האָט זיך אין פעברואַר אין אַ סך שטעט אויסגעדריקט אין גאַסן־שלאַכטן. אין וואַרשע, ראַדאָם און פּיאָטרקאָוו זיינען דער־שאָסן געוואָרן מער ווי הונדערט אַרבעטער. אין לאָדזש איז געווען 144 טויטע און מער ווי 200 פאַרוווּנדעטע. אין סאָסנאָוויץ זיינען אַוועקגעלייגט געוואָרן 37 אַרבע־

טער און די צאָל צעקאַליעטשעטע האָט קיינמאָל נישט געקאָנט ריכטיק באַשטימט ווערן.

דעם 17טן פעברואַר 1905 איז דער גרויספירשט סערגיי, איינער פון די פאַרהאַסטסטע און פאַרביסנסטע רעאַקציאָנערן, צעריסן געוואָרן פון אַ באָמבע. פון דעמאָלט אָן האָבן זיך די טעראָריסטישע אַקטן פון יחידים פאַרמערט אין אַזאַ צאָל, וואָס מ׳איז פריער צו דעם נישט געווען געוווינט, אפילו נישט אין רוסלאַנד, ווו ס׳איז געווען אַן אָפטע דערשיינונג צו ווערן מילדער, ווייכער מאַכן דעם אַבסאָלוטיזם דורך אַטענטאַטן.

נאָך דער שרעקלעכער ים־שלאַכט אין טסוכינאַ, אין מאַי 1905, ווו כימעט דער גאַנצער רוסישער פלאָט, זעקס און דרייסיק שיפן, איז פון די יאַפּאַנעזער אונטערגעטונקען געוואָרן און טויזנטער מענטשן האָבן פאַרלוירן זייער לעבן, איז אין יוני געקומען צו אַ בלוטיקן אויפשטאַנד צווישן די מאַטראָזן פונעם קריגספלאָט אינעם שוואַרצן ים. דער אוממיטלבאַרער גורם דערפון איז געווען אַ גרויסער שטרייק פון די פאָרט־אַרבעטער אין אָדעס, וועלכער האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ בפירושן אויפשטאַנד, ווען ס׳איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די מאַטראָזן פון דער קריגסשיף „פאָטיעמקין" האָבן זיך צעבונטעוועט און געהרגעט זייערע אָפיצירן. פאַקטיש האָבן די צעבונטעוועטע אַרבעטער באַוויזן צו פאַרכאַפּן און האַלטן במשך פון איינצקע טעג אין זייער רשות די וויכטיקסטע באַנסטאַציע און אַנדערע וויכטיקע טיילן פון דער שטאָט, אָבער אַזוי ווי די באַוועגונג האָט זיך נישט אויסגעשפּרייט און נישט אַרומגעכאַפּט די אַרומיקע געגנטן, האָט זי זיך לסוף געענדיקט מיט אַ בלוטיקער מפּלה פון די בונטאַרן, פונקט ווי אַלע איזאָלירטע אויפשטאַנדן פון יענער צייט.

צוליב דעם האָט אויך די צעבונטעוועטע מאַנשאַפט פון דער שיף „פאָטיעמקין" נישט געקאָנט אַ סך אויפטאָן מיט איר דערגרייכטן ניצחון, וועלכער וואָלט געווען געקאָנט אויסגענוצט ווערן, ווען ס׳וואָלט לפּחות אין דרום פון לאַנד געווען געקומען צו אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד. אַזוי ווי אָבער ס׳איז צו אַזעלכן נישט געקומען, זיינען ביי די צעבונטעוועטע מאַטראָזן אויסגעגאַנגען די לעבנסמיטלען און באַזונדערס דער זאַפּאַס פון קוילן, אַזוי אַז נאָך פאַרשידענע אומזיסטיקע פּרוּוון צו פאָרן אַהין און אַהער, האָבן זיי לסוף געמוזט באַשליסן אַריינצופאָרן אינעם רומענישן האַפן קאָנסטאַנצאַ און זיך דאָרט איבערצוגעבן צו די אויטאָריטעטן.

די נשמה פון יענעם געדענקווירדיקן אויפשטאַנד איז געווען דער מאַלאָרוסישער מאַטראָז מאַטושענקאָ, וועלכער איז באַלד נאָכדעם געקומען קיין לאָנדאָן, ווו איך האָב זיך מיט אים באַקענט פערזענלעך. איך האָב דעמאָלט געוווינט אין דאַנסטאָן האַוזעס, ווו ס׳האָט זיך אויך געפונען די דרוקעריי פון דעם זשורנאַל „ליסטקי כליעב אי וואָליאַ", מיט וועלכן ס׳האָט אָנגעפירט קראָפּאָטקין. איך בין געווען אַ גאָר גוטער פריינט מיטן זעצער פון אָט־דעם בלאַט און אַזוי ווי מאַטושענקאָ פלעגט אָפט קומען צו אים, פלעגן אויך זיי ביידע אָפט קומען צו מיר, כדי צוזאַמען מיט מיר טרינקען אַ גלעזל טיי.

מאַטושענקאָ איז געווען אַ קרעפטיק־געבויטער מענטש פון מיטעלן וווקס מיטן

טיפּישן אויסדרוק פונעם רוסישן פויער אויפן פּנים. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געמיטלעכן, גוטגעשטימטן מענטש און געהאַט, ספּעציעל ווען ער האָט געלאַכט, עפּעס אויסערגעוויינלעך קינדישס אין זיין גאַנצער ווײַזנטלעכקייט, וואָס האָט ביי יעדן איינעם אַרויסגערופן סימפּאַטיע צו אים. ביים באַטראַכטן אָט־דעם איינפאַכן, באַשיידענעם מאַטראָז וואָלט קיינעם נישט געווען געקאָנט איינפאַלן, אַז ער איז געווען איינער פון די הויפּטפירער פון אַזאַ געפערלעכער אונטערנעמונג און זיין אימשטאַנד אַזוי צו באַאיינפלוסן זיינע חברים, אַז זיי זאָלן בלינד נאָכגיין זיינע באַשלוסן.

מאַטושענקאָ האָט נאָך פון פריער באַלאַנגט צו אַ געהיימער גרופּע פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, ווען ער איז בעתן אויסברוך פון קריג צוגענומען געוואָרן צום פלאָט, ווי אַ רעזערוויסט. ער האָט אָבער כסדר אָנגעהאַלטן זיינע באַציונגען מיט דער באַוועגונג. זיין פּאַרזיכטיקער און קלוגער אויפפיר האָט אים דערמעגלעכט נישט בלויז אָנצוהאַלטן די פּאַראַנענע אומצופרידנהייט צווישן זיינע חברים־מאַטראָזן און איר צו געבן אַ באַשטימטע ריכטונג, נייערט אויך אויף זעקס פון די וויכטיקסטע שיפן פונעם פלאָט פון שוואַרצן ים צונויפצושטעלן געהיימע גרופּן און אין שטענדיקער פאַרשטענדיקונג מיט זיינע נענטערע חברים אויף דער יבשה מאַכן אַלע צוגרייטונגען צו דערלאַנגען אַ גרויסן קלאַפּ. צו דעם האָט מען געדאַרפט האָבן נישט בלויז ענערגיע און געוואַגטקייט, וועלכע זאָל זיך פאַר גאָרנישט אָפּשרעקן, נייערט אויך אַ נאַטירלעכע אינטעליגענץ, וועלכע זאָל זיין אימשטאַנד אַרומצונעמען די גאַנצע אַנטוויקלונג פון די געשעענישן און דערגיין צו אַ באַשטימטן רעזולטאַט.

לויט זיין אייגענער שילדערונג האָט מאַטושענקאָ אין יענער צייט לגמרי נישט געטראַכט וועגן דעם אויפשטאַנד אויף דער „פּאָטיעמקין", נייערט פאַרווענדט אַלע זיינע כוחות אַרויסצורופן אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אויף אַלע שיפן מיטאַמאָל. דער רעוואָלוציאָנערער פּלאַן וואָלט אין דעם פאַל געקאָנט לייכט פאַרנעמען דעם קריגס־האַפן סעוואַסטאָפּאָל און מיט דער הילף פון די דאָרטיקע זאַפּאַסן אַמוניציע, קוילן און לעבנסמיטל וואָלט ער געקאָנט דורכפירן אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד קעגן דער רעגירונג אויף דער יבשה.

אָבער ווי דאָס פּאַסירט אַזוי הויפיק אין אַזעלכע פאַלן, האָבן אויך דאָ זיך באַוויזן אומפאָרויסגעזעענע געשעענישן, וועלכע האָבן געמאַכט דורכפאַלן דעם גרויספאַרנעמיקן פּלאַן און דערפירט בלויז צום אויפשטאַנד אויף „פּאָטיעמקין" און אייניקע קלענערע שיפן. די שלעכטע באַשפייזונג פון דער אויך סיי־ווי־סיי אומצופרידענער מאַנשאַפט פלעגט אָפט אַרויסרופן פּראָטעסטן, וועלכע האָבן אָבער קיינמאָל גאָרנישט דערגרייכט און די מאַנשאַפט געמאַכט נאָך מער פאַרביטערט. און ווען דער קאָמאַנדאַנט פון דער שיף, קאַפּיטאַן קאָליקאָוו, האָט איינמאָל ביי אַזאַ געלעגנהייט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו אַרעסטירן די רעדלפירער פון אָט־די פּראָטעסטן, איז עס געקומען צו העפטיקע סצענעס אויפן באָרטן פון דער שיף, אַזוי אַז דער עֶרשטער אָפיציר, מיליאַראָווסקי, האָט געהייסן אייניקע פון זיינע מענטשן

שיסן אויף אַ גרופּע מאַטראָזן. און ווען זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויסצופירן דעמ־דאָזיקן באַפעל, האָט ער, מיליאַראָווסקי, אַרויסגעריסן ביי איינעם פון זיי דאָס געווער פון דער האַנט און דערשאָסן דעם מאַטראָז אַמעלטשיק. אין איין אויגנבליק איז אויף דער גאַנצער שיף געקומען צו אַ ווילדן אויפברויז. אַ גרויסע צאָל אָפיצירן, צווישן זיי אויך דער קאַפּיטאַן פון דער שיף, זיינען פון די אויפגעטראָגענע מאַטראָזן דער־שאָסן געוואָרן און זייערע קערפּערס זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין וואַסער.

דאָס אַלעס איז געשען לגמרי ספּאָנטאַן, אָן אַ פריערדיקן צונויפרעדן זיך. מאַ־טוטשענקאָ אַליין האָט אונדז דערציילט, אַז יענע געשעענישן האָט אים איבערראַשט ווי אַ פּלוצימדיקער דונער פון אַן אויסגעלייטערטן הימל, ווי אַ זאַך, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט פאָרויסגעזען. אָבער נאָכדעם ווי דער גורל איז שוין געהאַט געפאַלן, איז שוין נישט געווען קיין מעגלעכקייט פאַר אַן אומקער און מ׳האָט געמוזט זען, וואָס מ׳קאָן טאָן ווייטער. מאַטוטשענקאָ האָט זיך נישט געפילט שטאַרק צו־פרידן פון דער נייער לאַגע, מחמת ער און דער ענגערער קרייז פון זיינע חברים האָבן דאָך געהאַט אַן אויסקוק אויף פיל ברייטערע פּלענער, וועגן וועלכע ס׳האָט איצט שוין נישט געקאָנט זיין קיין רייד. ער האָט אונדז דערציילט אָט־די אַלע אינער־לעכע געשעענישן אָן באַרימעריי און מיט אַזאַ רואיקייט, גלייך ווי ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן דער אומוויכטיקסטער זאַך אין דער וועלט. וועגן דער ראָל, וואָס ער אַליין האָט געשפּילט, האָט ער כימעט איבערהויפּט נישט גערעדט; יאָ, ער האָט זיך אפילו אַליין געמאַכט אַ פאָרוואורף, וואָס ער האָט נישט באַוויזן איינצוהאַלטן די אומצופרידנהייט פון זיינע חברים אויף אַ צייט פון נאָך עטלעכע וואָכן, ביכדי דערנאָך צו קאָנען דערלאַנגען אַן אַנטשיידנדיקן קלאַפּ.

מאַטוטשענקאָ האָט זיך נישט געפילט גוט אין לאָנדאָן. דאָס איז געווען באַ־גרייפלעך. ווייל די אַרויפגעצוווּנגענע אומטעטיקייט, צו וועלכער ער איז דאָ געווען פאַרמישפּט, האָט אים, אַ מענטש פון מעשים, ביי ווּעמען די שטענדיקע געפאַר איז געוואָרן אַ לעבנס־געוווינהייט, נישט געקאָנט באַפרידיקן. ער איז אַרומגעכאַפּט גע־וואָרן פון אַ בענקעניש, אַ נאָגעניש נאָך דער היים, ווי איך האָב דאָס באַמערקט ביי אַ סך רוסן, וועלכע איך האָב געקענט. ער איז כסדר געוואָרן אַלץ אומעטיקער, אַלץ מער דערשלאָגן, אַזוי אַז זיינע פריינט זיינען לסוף געווען געצווּונגען אים צו שאַפן די מיטלען צו קאָנען אָפּפאָרן קיין קאַנאַדע. אָבער נאָך עטלעכע וואָכן איז ער צוריק־געקומען קיין ענגלאַנד, פעסט אַנטשלאָסן צו פאָרן קיין רוסלאַנד. זיינע חברים, וועל־כע האָבן פאַרשטאַנען, צו וואָס פאַראַ סכנות ער שטעלט זיך אויס, האָבן געפּרוווט, אים דאָס אַרויסצושלאָגן פונעם קאָפּ, אָבער אָן דערפאָלג. „בעסער אין רוסלאַנד צו שטאַרבן״, האָט ער געטענהט, „איידער אומזיסט צו פאַרפאַטערן די יאָרן אין אויסלאַנד״. ער איז גליקלעך אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ, אָבער מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָבן די ענגלישע צייטונגען געבראַכט אַ קורצע ידיעה וועגן זיין אַרעסט. ער איז געווען אויף אַזאַ ווייט משוגע־געוואָרן, אַז ער האָט זיך אַוועקגע־לאָזט אין זיין אַלטן ווירקונגס־קרייז אין סעבאַסטאָפּאָל, ווו ער איז געווען אַזוי גוט באַקאַנט, אַז ער האָט פריער אָדער שפּעטער געמוזט אַריינפאַלן אין די הענט פון די

שפּיאָנען. אין זיין פאַל איז נאַטירלעך יעדער האָפענונג געווען אויסגעשלאָסן. ער איז פון אַ קריגס־געריכט פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט און איז געשטאָרבן אַזוי ווי ער האָט געלעבט — מוטיק און אומדערשראָקן ביז צום לעצטן אויגנבליק.

נאָך די בלוטיקע געשעענישן אין אָדעס און דעם אויפשטאַנד פון די מאַטראָזן האָט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אָנגענומען אַלץ סכנהדיקערע פאַרמען. אונטערן דרוק פון די פאַרהעלטענישן האָט דער צאַר אפילו געמוזט מסכים זיין צוזאַמענצו־רופן אַ דומאַ, אָבער דער ערשטער פּראָיעקט פון דער רעגירונג פאַר אַן אַלגעמיינער פאָלקס־פאַרטרעטונג איז געווען אַזאַ קלאָגעדיקער, אַז ס׳האָבן פאַרלוירן דעם מוט אפילו יענע, וועלכע זיינען געווען גרייט זיך צו באַנוגענען מיט אייניקע אַנט־שיידנדיקע ליבעראַלע רעפאָרמען און נאָך אַלץ געגלייבט, צו קאָנען אויסקומען מיט געזעצלעכע מיטלען פאַרן צוריקשטעלן דעם גלייכגעוויכט. מ׳האָט כסדר גע־מערקט אַלץ בולטער, אַז די רעגירונג נעמט גאָרנישט ערנסט קיין שום זאַך און אַז זי זוכט בלויז צו געווינען צייט דורך אַרויסלאָזן פּוסטע צוזאָגענישן. ווייל ווי נאָר דער שטורעם האָט זיך אַביסל געשטילט, האָט זי געפּרוווט דורך אַלערליי קרומע וועגן און אינטריגעס צוריקצוכאַפּן די לייכטע קאָנצעסיעס, וועלכע זי איז געווען געצוווּנגען צו מאַכן. אַזוי איז די מרידה געוואָרן אַלץ שטאַרקער. אין פינלאַנד, אין די באַלטישע פּראָווינצן, אין פּוילן און אין קאַווקאַז איז דער אָפענער בירגערקריג שוין געווען אַ פאַקט, פאַר וועלכן הונדערטער האָבן געמוזט באַצאָלן מיט זייער לעבן. אפילו דער שלום־אָפּמאַך פון פּאָרטסמוט, אין סעפּטעמבער 1905, וועלכער איז פאַר רוסלאַנד אויסגעפאַלן פיל גינציקער ווי מ׳האָט געקאָנט דערוואַרטן, איז שוין נישט געווען אימשטאַנד אָפּצושטעלן די באַוועגונג.

אין אָקטאָבער איז לסוף אויסגעבראָכן דער לאַנג־דערוואַרטער גענעראַל־שטרייק פון די אַרבעטער פון אַלע אינדוסטריעס, וועלכער האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד ווי אַ פּולווער־פלאַם און במשך פון כּימעט פיר וואָכן צייט פּאַראַליזירט דעם גאַנצן פאַרקער. ערשט איצט האָט זיך דער צאַר געזען געצוווּנגען אַרויסצולאָזן דעם באַרימטן אָקטאָבער־מאַניפעסט, וועלכער האָט צוגעזאָגט לעגיסלאַטיווע מאַכט דער פאָלקס־פאַרטרעטונג און אָפּגעשאַפט אַלע פריערדיקע דעקרעטן וועגן אָפּלייגן די וואַלן. צוזאַמען מיטן מאַניפעסט זיינען נאָך אַרויסגעגעבן געוואָרן אייניקע צוגאָב־דיקע שריפטן, צווישן זיי די באַזייטיקונג פון פאָביעדאָנאָסצעוון ווי דעם הויפּט־פּראָקוראָר, די אָפּשאַפונג פון דער צענזור, די אַמנעסטיע פון אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע און אייניקע אַנדערע אַנטשיידנדיקע באַשלוסן. דידאָזיקע נייע און ווייט־גרייכנדיקע קאָנצעסיעס פון דער רעגירונג וואָלטן זיכער געווען צופרידנגעשטעלט די ליבעראַלע טייל פונעם בירגערטום, וועמען ס׳האָט קודם־כּל אינטערעסירט דאָס פּאָליטישע רעכט אויך צו האָבן אַ דעה און אַ קאָנסטיטוציע לויטן מערב־אייראָ־פּעיִשן מוסטער, ביפרט, וואָס אויך זיי האָבן שטאַרק מורא געהאַט פאַר דער זיך אַלץ מער אויסשפּרייטנדיקער מאַסן־באַוועגונג פון די אַרבעטער און פּויערן. אָבער צווישן די מאַסן איז דער צוטרוי צו דער רעגירונג, וועלכע האָט אַזוי אָפט אָפּגע־נאַרט דאָס פאָלק, שוין געווען אַ פאַרשפּילטער. האָט טאַקע פּאַסירט, אַז אויך נאָכן

אַרויסלאָזן דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט איז נישט געקומען צו קיין מערקבאַרער אָנט־שפּאַנונג. עס זיינען אויך ווייטער פאָרגעקומען רעוואָלוציאָנערע שטרייקן, בונטן פון די פויערן און מרידות פון די זעלנער און דאָס אַלעס האָט כסדר געהאַלטן דאָס לאַנד אין אויפברויז און אומרו. אין נאָוועמבער איז עס געקומען צו בלוטיקע אויפשטאַנדן פון די מאַטראָזן אין קראָנשטאַט און סעוואַסטאָפּאָל און אין דעצעמבער — צום אויפשטאַנד פונעם מיליטער אין קיעוו. אפילו אין סיביר זיינען פאָרגעקומען בונטן פון די זעלנער אין וולאַדיוואָסטאָק, כאַרבין, טשיטאַ, אירקוטסק און אין אַנדערע שטעט. וואָס ס'האָט געפעלט דידאָזיקע באַוועגונגען, איז געווען אַ באַשטימטער ציל און אַן איינהייטלעכער אויפפיר, וואָס איז אין אַזאַ ריזיק־גרויסן לאַנד שווער צו דערגרייכן. איז טאַקע געקומען צו דעם, אַז די רעוואָלוציע איז צעפּאַטערט געוואָרן אין איינצלנע אַקציעס און די רעגירונג איז תמיד געווען אימשטאַנד צו באַהערשן די לאָקאַלע אויפשטאַנדן אין פאַרשידענע ערטער. וואָלט דאָס נישט געווען אַזוי, וואָלט דעמאָלט די לעצטע גרויסע פעסטונג פון אומבאַגרענעצטן אַבסאָלוטיזם אין אייראָפּע געווען געפאַלן און ער וואָלט זיך נישט געוואָנט געקאָנט איינשאַפן אַ נייעם טערמין אויף איבער צען יאָר עקזיסטענץ.

דער לעצטער העראָישער אַקט פון דער גרויסער היסטאָרישער דראַמע, די גרויסע באַריקאַדן־שלאַכט אין מאָסקווע פון 22סטן ביזן 30סטן דעצעמבער 1905, האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פולשטענדיקער מפּלה פון די רעוואָלוציאָנערן. ביכדי בייצוקומען אָט־דעם אויפשטאַנד האָבן זיך די רעגירונגס־חיילות פונעם אַדמיראַל דובאַסאָוו געמוזט באַנוצן מיט שווערער אַרטילעריע קעגן די בונטאַרן. נאָך אָט־דער בלוטיקער מפּלה פון דער אַרבעטערשאַפט האָבן זיך די רעוואָלוציאָנערע כוחות אויסגעשעפּט און די קאָנטראַרעוואָלוציע האָט ווידער פאַרציייכנט אַ זיג, ווען אפילו דער רוב האָט דאָס דעמאָלט נאָך נישט געוואָלט באַגרייפן.

אָט־די געוואַלטיקע געשעענישן, וועלכע האָבן במשך פון צוויי יאָר געהאַלטן שטאַרק געשפּאַנט די גאַנצע וועלט, האָבן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין לאָנדאָן געהאַלטן אין אַ פיבערדיקער שטימונג. נאָך יעדער גרויסער פּאַסירונג זיינען אין איסט־ענד פאָרגעקומען ריזיקע פאַרזאַמלונגען, וועלכע פלעגן באַזוכט ווערן פון טויזנטער אַרבעטער, אַזוי אַז אפילו די גרעסטע זאַלן האָבן נישט געקאָנט אַריינעמען אַלע, וואָס זיינען געקומען. נאָך היינט זע איך פאַר מיר אָט־די כוואַליע בלאַסע, אויסגעדאַרטע פּנימער, וועלכע האָבן זיך מיט איינגעהאַלטענער ליידנשאַפט און פיבערדיקער שפּאַנונג צוגעהערט צו די רעדנערס ווערטער, גלייך ווי זיי וואָלטן געהערט די בשורה פון אַ נייער אַנטפּלעקונג, וועלכע דאַרף אויך פאַר זייער לעבן ברענגען אַ נייעם ווערט און אַ נייעם אינהאַלט. אַ היפּשע צאָל פון אונדזערע יינגערע חברים איז דעמאָלט אָפּגעפאָרן בסוד קיין רוסלאַנד, ביכדי זיך פערזענלעך צו באַטייליקן אין די קאַמפן. ס'איז געווען אַ צייט פון גרויסע דערוואַרטונגען און איבערפלייצנדיקע האָפענונגען. מיר אַלע האָבן דעמאָלט געפילט, גלייך ס'וואָלט געהאַלטן אין אויפקומען עפּעס נייעס, וועלכעס האָט טאַקע נאָך נישט קיין נאָמען, אָבער וועמעס סקעלעט מיר האָבן שוין געגלייבט צו זען. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר

שטייען ערב אַ ריזיקן איבערקער אין רוסלאַנד, וועלכע וועט, פּונקט ווי די גרויסע
פראַנצויזישע רעוואָלוציע, געבן אַ נייעם שטויס דער גאַנצער סאָציאַלער אַנטוויקלונג
אין אייראָפּע. טרוקענע סקעפּטיקער מעגן טאַקע שאָקלען מיט זייערע קלוגע קעפּ
וועגן אַזאַ מין אילוזיע און מיט אַריסטאָקראַטישער רואיקייט זיך אויסלאַכן פון די
בעלי־החלומות, וועלכע האָבן געהאַט אַזוי ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר דער לאָגיק
פון דער געשיכטע. זיי האָבן דאָך קיינמאָל נישט באַגריפן, אַז אויך חלומות באַלאַנ־
גען צו דיווירקלעכקייטן פונעם לעבן, אָן וועלכע די עקזיסטענץ וואָלט געווען אומ־
דערטרעגלעך און יעדע ענדערונג פון די באַשטייענדיקע גזעלשאַפטלעכע פאָרמען
וואָלט געווען אוממעגלעך. ווער ס'האָט זיך קיינמאָל נישט אַנטוישט, דער האָט אויך
קיינמאָל נישט געשטרעבט צו גאָרנישט. ער האָט זיך, קאָן גריילעך געמאָלט זיין,
איינגעשפּאָרט עגמת נפש און יסורים, אָבער ער האָט אויך קיינמאָל נישט געוווּסט,
וואָס אַזוינס ס'זיינען די ריינסטע געפילן פון דער מענטשלעכער נשמה.

אגב זיינען מיר דאָך נישט געווען די איינציקע, וועלכע האָבן זיך אַרומגע־
טראָגן מיט אַזעלכע ווייטגייענדיקע און געוואַגטע האָפענונגען. די גרויסע געשעע־
נישן אין רוסלאַנד האָבן דעמאָלט געהאַט אַ געוואַלדיקן אָפּקלאַנג אין גאַנץ אייראָפּע
און האָבן צוגעטראָגן אַ נישט קליינעם חלק צום אויפלעב פון דער רעוואָלוציאָנערער
באַוועגונג פון יענער צייט. אפילו אין בירגערלעכע קרייזן האָט יענע אַלגעמיינע
שטימונג אָפט באַקומען אַ זייער בולטן אויסדרוק. איך דערמאָן זיך נאָך היינט אין
אַן אַרטיקל, וועלכעס איז אין יענער צייט געווען אָפּגעדרוקט אין דער פראַנצויזי־
שער טאָגצייטונג „עקאָ דע פּאַרי" אין שייכות מיטן רוסישן גענעראַלשטרייק און
וועלכעס האָט שטאַרק אויפגערודערט דעם דעת־הקהל. דער מחבר פון יענער אַרבעט,
וועמעס נאָמען ס'איז מיר אַרויס פונעם זיכרון, האָט דעמאָלט דערקלערט, אַז דער
שטורעם, וועלכער האָט זיך אָנגערוקט אויף רוסלאַנד, וועט נישט קאָנען אַזוי לייכט
געמילדערט און איינגעשטילט ווערן דורך אַ פּשוטער קאָנסטיטוציע, נייערט זיין אַ
מאָטיוו פון אַ סך טיפערע ענדערונגען. פּונקט ווי דער 14טער יולי 1789 איז געווען
דער סיגנאַל פאַר דער אָפּשאַפונג פונעם פעאָדאַליזם און פון דער לייבאייגנשאַפט
אין פראַנקרייך און שפּעטער אין גאַנץ אייראָפּע, פּונקט אַזוי איז אויך נישט אויס־
געשלאָסן, אַז דער 28טער אָקטאָבער 1905 זאָל האָבן געווען דער ערשטער קריי
פונעם האָן פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער אינדוסטריעלער קנעכטשאַפט און פון
בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג פון אַ נייעם עקאָנאָמישן סדר אין אייראָפּע. דער פּערטער
שטאַנד האָט איצט געהאַט אין זיין רשות גאַנץ אַנדערע מאַכטמיטלען ווי ס'האָט
געקאָנט חלומען אפילו דער דריטער שטאַנד אינעם ערב־רעוואָלוציאָנערן פראַנק־
רייך. ס'איז דעריבער געווען פאַרשטענדלעך, אַז מיר, יונגע מענטשן, וועלכע זיינען
געווען אין פולן בלי פון אונדזער לעבן און געווען דורכגענומען מיטן גאַנצן אידעע־
אַליזם פון דער יוגנט, האָבן נישט געקאָנט זיין ווייניקער אָנגעפילט מיט האָפענונגען.

# אונדזער פרעסע און ליטעראַטור

ווען מיר האָבן אין יאָר 1903 ווידער אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד״, האָבן מיר געדרוקט 2.500 עקזעמפּליאַרן. אָבער אין לויף פון די קומענדיקע יאָרן זיינען מיר געווען אימשטאַנד נישט נאָר צו פאַרגרעסערן די צייטונג, נייערט אויך געהעכערט איר טיראַזש ביז 4.000 עקזעמפּליאַרן. די צאָל לייענער איז אָבער איינדעראמתן געווען פיל גרעסער, ווייל דער רוב נומערן איז דורכגעגאַנגען דורך אַ סך הענט ביז זיי זיינען אָנגעקומען צום לעצטן לייענער. ווען מ׳נעמט אין באַטראַכט, אין וואָס פאַראַ קלאָגלעכע פאַרהעלטענישן ס׳איז דעם רוב אַרבעטער אין איסט־ענד אויסגעקומען דעמאָלט צו לעבן, ווייזט עס זיך מיר נאָך היינט אויס אַ וווּנדער, ווי אַזוי מיר האָבן געקאָנט דורכפירן דידאַזיקע אַרבעט. איך האָב געקענט געגנוג אַרבעטער, וועלכע פלעגן יאָר־יערלעך אָוועקגעבן בפירוש דאָס לעצטע פאַר דער עקזיסטענץ פון אונדזער פרעסע. יונגע מיידלעך, וועלכע האָבן געמוזט די בעסטע און שענסטע יאָרן זייערע פאַרפאַטערן אין די היילן פון דער שוויצאינדוסטריע און קוים פאַרדינט צען אָדער צוועלף שילינג אַ וואָך, האָבן קיינמאָל נישט פאַרנאַכלעסיקט זייער חוב צו געבן זייער באַשיידענעם, אָבער איינדעראמתן פון מויל אָפּגעשפּאָרטן צושטייער פאַר דער באַוועגונג; און געטאָן האָבן זיי עס מיט פרייד און אינערלעכער איבערגעגעבנהייט און נישט געמאַכט קיין שום ווען דערפון. געווען וואַרשטאַטן, וווּ די אַרבעטער האָבן אויפגעהאַנגען אויף דער וואַנט קעסטלעך פון ציגאַרעטלעך אָדער בלעכענע פּישקעלעך מיט דער אויפשריפט „פאַרן „אַרבייטער־פריינד״, אין וועלכע יעדער איינער האָט ביים באַקומען זיין מאָגערע שכירות אַריינגעוואָרפן זיין וועכנטלעכן צושטייער.

מיין אינטים צונויפלעבן זיך מיט דידאָזיקע פּשוטע, אונטער די שווערסטע פאַרהעלטענישן לעבנדיקע אַרבעטער האָט מיך ערשט געלערנט און מיר באַוויזן, וואָס מענטשן זיינען אימשטאַנד צו טאָן, ווען זיי זיינען באַהערשט פון אַן אינערלעכער באַגייסטערונג און באַלעבט פון אַ גרויסער אידעע. די דערפאַרונגען פון יענער צייט, פאַר וועלכע ס׳איז אָפּט אויסגעקומען אַזוי טייער צו באַצאָלן, באַלאַנגען דעריבער צו די בעסטע געדעכענישן פון מיין לעבן, וועלכע איך וואָלט בשום אופן נישט געוואָלט אויסלאָזן צו דערמאָנען, ווייל זיי האָבן מיר געוויזן, אַז אויך ביי די שווערסטע באַדינגונגען פונעם לעבן איז מעגלעך אַרויסצוברענגען נשמהדיקע

ברייטהאַרציקע קרבנות־גרייטקייט און מענטשלעכע עמפּינדלעכקייט. מ׳וואָלט אפשר געקאָנט איינווענדן, אַז מיר זיינען, באַטראַכט ווי אַ גאַנצקייט, געווען אַזאַ מין שיכט ווי דאָס אויבערשטע פון שטייסל, וואָס קאָן נישט געמומען ווערן ווי די מאָס פאַרן פילן און דענקען פון ברייטערע שיכטן. אָבער אפילו די בעסטע „פּני״, די אָפּגעקליבנ־סטע, קאָנען גאָרנישט אויפטאָן, ווען זיי געפינען נישט קיין פאַרשטענדיקונג און קיין מיטהילף אינעם פאָלק גופא, ביכדי צו באַגינציקן די נייע שטרעבונגען. וואָלט דאָס אַזוי נישט געווען, וואָלט לגמרי נישט מעגלעך געווען די אויסגעשטאַלטיקונג פון נייע לעבנס־פאָרמען.

יעדע איניציאַטיוו פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער באַנייונג פונעם לעבן איז קודם־כל אַרויסגעקומען פון קליינע מינדערהייטן, אָבער מזל איז זיי געווען באַשערט נאָר דעמאָלט, ווען זיי האָבן געהאַט אַן אָפּקלאַנג אינעם פאָלק און געקאָנט אַרויסברענ־גען כוחות, וועלכע האָבן זיך געפילט גענוג שטאַרק פאַר יעדן ווידערשטאַנד. איך מיין, אַז מ׳האָט אין דער געשיכטע צופיל גרינגגעשאַצט די ראָל פונעם דורכשניטס־מענטש און צו הויך אָפּגעשאַצט דעם ווערט און באַדייט פון אַזויגערופענע „פּני״. דאָס וואָרט „מאַסע״, ווי יעדער סאָציאָלאָגישער קאָלעקטיוווער באַגריף, פירט אָפט צו שלעכטע צעקרומענישן און איז פאַר מער ווי איינעם פון אונדזערע אינטעלעקטואַלן גאַנץ אָפט בלויז אַ באַקוועם מיטל צו באַרואיקן און פאַרענטפערן זיין אייגן געוויסן און אַרויפצוואַרפן די שולד פון זיין אייגענער שוואַכקייט און אומאַנטשלאָסנקייט אויף דער אַנאָנימער מאַסע. מ׳וואַרפט גאַנץ אָפט פאַר דעם מענטשן פונעם פאָלק קווענקלעניש און אומקאָנסעקווענץ, דאָס נאָכלויפן לויט ווי דער ווינט בלאָזט, און גאַנץ הויפיק נישט אָן רעכט. אָבער דווקא די לעצטע עטלעכע צענדליק האָבן יעדן דענקנדיקן מענטש געקאָנט האָבן איבערצייגט, אַז די אַזויגערופענע גייסטיקע פּני האָט זיך אין דעם פּרט מיט גאָרנישט צו באַרימען. גאַנצע מחנות אינטעלעקטואַלן האָבן אין בלויז עטלעכע יאָר צייט דורכגעמאַכט די גאַנצע פאַרבן־סקאַלע פונעם רעגנבויגן, ביכדי לסוף זיך אָפּצושטעלן ביים באָלשעוויזם אָדער פאַשיזם. און נישט קליין איז די צאָל פון יענע, וועלכע פּרעטענדירן נאָך אַלץ אויפן נאָמען ליבעראַל, אָבער זיי זיינען שטענדיק גרייט צו מאַכן יעדע קאָנצעסיע דעם נייעם אַבסאָלוטיזם אין דער פאָרעם פון דער נייער מלוכה, און דאָס נישט דערפאַר, ווייל עס פעלט זיי אינטעליגענץ, נאָר כאַראַקטער. גייסטיקע העכערקייט איז צומאָלס אַ ברכה, וועלכע קאָן זיך אָבער לייכט פאַרוואַנדלען אין אַ קללה, ווען ס׳שטייט נישט קיין כאַראַקטער הינטער איר, קיין טיפערער סאָציאַלער געפיל, וועלכעס נעמט אין באַטראַכט מענטש־לעכע פאַקטאָרן. נישט בלויז די מאַסע איז אַ פאַרכליניעטער פאַרגעטערער פונעם דערפאָלג; די גרויסע מערהייט פון אונדזערע אינטעלעקטואַלן ליידט פון דערזעלבי־קער שוואַכקייט און זי איז עס יענע, וועלכע שאַפט אין רוב פאַלן דעם טאָן פאַר דער בלינדער פאַרכליניעטער נאָכלויפערישקייט פון דער מאַסע צו פאַרערן עמעצן.

אויסדערוויילטע העכערקייט איז נאָך נישט קיין סימן פאַר מאָראַלישער מערווערטי־קייט. און ווען מ׳קאָן ביים אַזויגערופענעם דורכשניטסמענטש אין יעדן פאַל אָגווענדן דעם תירוץ און פאַרענטפער מכוח זיין אומדערפאַרנקייט און זיין אומבאַהאַוונטקייט אין

אַ סך זאַכן, קאָנען דאָך אָבער די געבילדעטע נישט האָב קיין רעכט צו פּרעטענ־
דירן אויף אָט־די פאַרענטפערונגען, ווייל אויפן סמך פון זייער בעסערער דערציונג
זיינען זיי באַוואָפנט מיטן גייסטיקן געווער צו קאָנען אַריינדרינגען טיפער אין דידאַ־
זיקע זאַכן. אָבער גאַנץ אָפט איז עס דווקא די דערציונג זייערע, וועלכע מאַכט זיי
פאַר אומפעיק אויפצונעמען טיפערע סאָציאַלע סטימולירונגען. דאָס פּראָבלעם, צי
דער מענטש איז בטבע מער גענייגט צום גוטן ווי צום שלעכטן, ווער אין אָט־דער
אַבסטראַקטער פאָרעם קיינמאָל נישט אויפגעקלערט ווערן; איינס אָבער ווייזט זיך
מיר אויס צו זיין גאַנץ זיכער, און דאָס איז, אַז די גוטע און שלעכטע נייגונגען פונעם
מענטשן זיינען פאַרטיילט גאַנץ גלייכמעסיק און אַז זיי האָבן נישט מער אָדער ווייַ־
ניקער גילטיקייט פאַר קיין שום געזעלשאַפטלעכן שיכט. אין רוב פאַלן ווערן אַזעל־
כע אייגנשאַפטן באַשטימט פונעם איינפלוס פון באַשטימטע שטרעמונגען פון דער
צייט, שטרעמונגען, וועלכע קאָנען, לויט זייער כאַראַקטער, גורם זיין דערצו איינערלייַ
נייגונגען מער אַרויסצוברענגען און די אַנדערע אָפּצושטופּן. דער דעספּאָטיזם אין
יעדער פאָרעם ברענגט שטענדיק אַרויס איבערגעטריבענעם עגאָיזם, אומברחמנות־
דיקייט און פּחדנות, וועלכע ווערן מיט דער צייט אַן אומגליק סיי פאַר יענע, וועלכע
זיינען אַזוי געשטימט, סיי פאַר יענע, וועלכע לײַדן פון זיי, זיינען זייערע קרבנות,
ווייל זיי צעשטערן ביים מענטשן דעם טייערסטן אוצר: — דאָס מיטגעפיל צו אַנדערע
און די אחריות פאַר די אייגענע מעשים; בעת די פרייהייט אָריענטירט זיך תמיד
בהסכם מיט סאָציאַלע איינזעענישן און האָט אין זינען אַלעמנס רעכט און זי מאַכט
דעריבער די פּערזענלעכע אחריות ווי די אָריענטאַציע פון אונדזער לעבן. דאָס איז
טאַקע די סיבה, פאַרוואָס די מלאכה פונעם רעגירן ווערט כימעט קיינמאָל נישט
דורכגעפירט פון די גייסטיקע פּני, נייערט ווערט אין רוב פאַלן געטאָן פון דער
ערגסטער דורכשניטלעכקייט, וועלכע איז לגמרי נישט פעיק צו אַ העכערן אויפשטייג.

די אמונה אינעם אַבסאָלוט־גוטן אינעם מענטשן איז טאַקע זיכער נישט בהסכם
מיט די אמתע פאַקטן, אָבער פיל ספקדיקער און ערגער איז די אַלטע דאָגמע מכוח
דער לכתחילהדיקער זינד, וועלכע האָט ביז היינטצוטאָג תמיד געדינט ווי אַ תירוץ
פאַר יעדער דעספּאָטיע, ביכדי צו האַלטן אין צוים דעם מענטשנס אינערלעכע
פאַרדאָרבנקייט און מעגלעך צו מאַכן אַ געמיינשאַפטלעך צוזאַמענלעבן. אינדעראמתן
אָבער איז עס נישט די אויסערלעכע געוואַלט פון די געזעצן, וועלכע האַלט כסדר
דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין באַוועגונג, נייערט אַ שלל אוראַלטע געוווינהייטן
און מינהגים, וועלכע זיינען געוואָרן דעם מענטשנס צווייטע נאַטור, וואָס זיי זיינען
טאַקע אַרויסגעקומען פונעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן גופא און וואָס האָבן זיך
אָנגעזעצט, איינגעבירגערט אינעם געמיטצושטאַנד פון יעדן יחיד. נאָר דעמאָלט,
ווען די אויסערלעכע אַריינמישונג אין אָט־די אינערלעכע פּאַסירונגען ווערן צו
שאַרף און אומדערטרעגלעך, שפּרינגט די נאַטירלעכע אָרדענונג פונעם כלל אַרויס
פון די רעלצן און לאָדנט זיך אויס אין צייטווייליקע קאַטאַסטראָפעס. די מכלומרשטע
שוואַכקייט און פעלערהאַפטיקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור איז אַ סך ווייניקער
דער פּועל־יוצא פון אַ פאַרירשנטער ווילדקייט פון די אינסטינקטן אָדער אַ מיטגע־

בוירענע ברוטאַליטעט פונעם פילן, נייערט ביים רוב פּיל מער דער פּועל־יוצא פון אַן אומבאַגרייפלעכן אויסדויער און שיעור־נישט אומבאַגרענעצטער געדולד, מיט וועלכער זיי האָבן אויסגעהאַלטן שוין לאַנג איינגעזעענע צרות און באַשיימ־פערלעכע אומגערעכטיקייטן און זיך נישט געבונטעוועט קעגן דעם.

אָבער דווקא אָט־די געפערלעכע שוואַכקייט געפינט מען נישט בלויז ביי די אַזויגערופענע דורכשניטלעכע מענטשן, נייערט אין דערזעלביקער מאָס אויך ביים געבילדעטן אויבערשטן שיכט, וועמעס מאַראַלישע שוואַכקייט און דוחק אין רוקנביין טראָגן גאַנץ אָפט צו זייער חלק צום פאַרטיפן דאָס געפיל פון אינערלעכער אומ־מעכטיקייט ביים פאָלק. ס׳איז אויך נישט אמת, אַז דער אַזויגערופענער גייסטיקער אויבערשטער שיכט איז פעיק אויפצונעמען טיפערע עמפּינדונגען, וועלכע זיינען ביים געוויינלעכן פאָלקסמענטש נישט בנימצא. אדרבא, איך מיין גיכער, אַז אין יעדן מענטשלעכן האַרץ זיינען פאַראַן פאַרבאָרגענע סטרונעס, וועלכע קאָנען גע־בראַכט ווערן צו וויבראַציע און זיי מאַכן אפילו דעם איינפאַכסטן מענטש פאַר פעיק צו באַנעמען העכערע שטרעבונגען. איך האָב צווישן יענע פשוטע אַרבעטער אינעם גרויסן געטאָ פון לאָנדאָן גאַנץ אָפט געפונען אַ גרעסערע פאַרשטענדעניש און פריער פון אַלץ אַ טיפערן סאָציאַלן געפיל און אַ פאַרבאָרגענע גאַרעניש צו די העכערע ווערטן פונעם לעבן ווי ביי אַ סך אינטעלעקטואַלן, ביי וועמען טאַקע אָט־דאָס באַוווסטזיין פון גייסטיקער העכערקייט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטער אַרויס־צובריינגען אַ טיפער פאַרשטענדעניש פאַר דער רויער מאַסע.

איך וויל דאָ בשום אופן נישט אַרויסטרעטן לטובת דער טעאָריע מכוח דער מאַזאָליעדיקער פויסט און וועלכן ס׳איז סאָציאַלן שיכט אָפּצושאַצן העכער אָדער נידעריקער ווי דעם אַנדערן. איך האָב אויך צווישן דער אינטעליגענץ באַגעגנט און זיך באַקענט מיט אַ גאַנצער שורה אָנגעזעענע מענער און פרויען, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעך סאָציאַל מיטגעפיל און טאַקע דערפאַר אַריינגע־שלעפּט געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אָבער דווקא אָט־די באמת גרויסע מענטשן זיינען לגמרי געווען פריי פון איינגערעדטער העכערקייט, פון וועל־כער אַזוי פיל אינטעלעקטואַלן קאָנען זיך נישט באַפרייען, וועלכע מאַכן שטענדיק פילאָזאָפישע קאָמענטאַרן וועגן דעם סטאַדע־אינסטינקט פון די מאַסן, נישט באַ־גרייפנדיק, אַז אויך זיי אַליין זיינען באַלייגט מיט דיזעלביקע חסרונות.

ווען די פאַרהעלטנישמעסיק קליינע מחנה פון אונדזערע חברים איז געווען אימשטאַנד אין משך פון אַזוי פיל יאָרן צו אַנטוויקלען אַזאַ פּרוכפּעריקע און בשפע־דיקע טעטיקייט צווישן די יידישע אַרבעטערמאַסן אין ענגלאַנד, איז דאָס געווען אַדאַנק דעם, וואָס אונדזערע אידעען האָבן געפונען אַזאַ וואַרעמען אָפּקלאַנג און פאַרשטענדעניש צווישן פאָלק גופא און גאָר באַזונדערס דערפאַר, ווייל מיר האָבן נישט געטאָן אַזוי ווי ס׳טוען די ביליקע דעמאַגאָגן, — צו שמייכלען און חנפענען די פאַראורטיילן פון די מאַסן, נייערט מיר האָבן די גאַנצע אַרבעט אונדזערע איינ־געשטעלט אַזוי זיי גייסטיק און מאָראַליש צו דערהייבן און צו געבן זייער לעבן אַ טיפערן אינהאַלט. מיר האָבן צוזאַמען מיט זיי געהאָפט און געליטן און גענומען

אַ גרויסן אַנטייל אין אַלע זייערע קאַמפן און קיינמאָל נישט געזוכט אויסצונוצן זייער צוטרוי פאַר אַנדערע צוועקן. דערין איז געלעגן די מאָראַלישע גבורה פון אונדזער באַוועגונג. דאָס זיינען געווען דווקא יענע פּשוטע אַרבעטער, וועגן וועמען ס׳ווערט געוויינלעך קיינמאָל נישט גערעדט, וועלכע זיינען געווען דער לעבעדיקער נערוו פון אונדזער דעמאָלסטיקער טעטיקייט. אָבער צוויי פון זיי זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן, ווייל זיי קאָנען באַטראַכט ווערן ווי סימבאָלן פון יענע קרבנותפולע טעג. צוויי פּשוטע אַרבעטער, — דער ערשטער י. טאַפּלער און דער אַנדערער זיין פריינט ה. קערקע־לעוויטש, וועלכע מ׳האָט תמיד, יאָר־איין, יאָר־אויס, געקאָנט טרעפן אויף אַלע פאַר־זאַמלונגען, באַלאָדן מיט ציייטונגען און פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור. זיי האָבן געדינט דער באַוועגונג מיט אַ כּימעט רעליגיעזער איבערגעגעבנקייט, שטענדיק גרייט ביי אַלע אונטערנעמונגען צו נעמען אויף זיך די שווערסטע אַרבעט. ביידע האָבן אָפּגע־שטאַמט פון דער אָרעמסטער טייל פון דער באַפעלקערונג און האָבן אין זייער שווע־רער יוגנט, אָ יוגנט אָן פריידן, נישט באַקומען אַפילו די מינדסטע דערציונג. אַפילו דאָס לייענען איז זיי אָנגעקומען שווער, און ביכדי זיך לייכטער צו מאַכן די אַרבעט, פלעגט טאַפּלער יעדע וואָך אוועקגיין צו אַ באַקאַנטן שוסטער, וועלכער האָט פאַר אים געדאַרפט איבערלייענען דעם גאַנצן „אַרבייטער־פריינד“. ער איז געווען אַ בחור און געפירט אַ ממש אַסקעטישן לעבנסשטייגער. ער האָט אָפּגעשפּאָרט יעדן גראָשן פונעם מויל, און וואָס ער האָט פאַרדינט ווי אַ שוסטער, איז על־פּי־רוב אַוועק פאַר דער באַוועגונג. אין היפּוך צום לעבעדיק־אויפגעלייגטן קערקעלעוויטש איז טאַפּלער געווען אַ רואיקער, אין זיך פאַרטיפטער מענטש, וועלכער איז אומעטום געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט. ער האָט געלעבט נאָר פאַר דער באַוועגונג און האָט במשך פון אַ סך יאָרן דורכגעפירט מיט אַ ממש רירנדיקער קרבנות־גרייטקייט, אָן פּרעטענזיעס, זיין אויף זיך אַליין אַרויפגעלייגטע פליכט, וועלכער ער איז געבליבן געטריי ביז צום טויט. זיין פריינט קערקעלעוויטש איז געווען אַביסל רויער אין כאַראַקטער און האָט צומאָלס אַפילו געקאָנט ווערן אָנגרייפנדיק, ווען עמעץ האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קויפן ביי אים אַ צייטונג, מחמת ער האָט פּשוט נישט געקאָנט באַנעמען, אַז עמיצער זאָל נישט וועלן לייענען אונדזער בלאַט, וואָס איז פאַר אים געווען די פאַרקערפּערונג פון פּערפעקציע. אָבער אונטער דער רויער שאָלעכץ איז געווען אַ האַרציקער, קרבנות־גרייטער מענטש, פאַר וועמען קיין שום זאַך איז נישט געווען שווער, אויב נאָר ס׳איז אויסגעפאַלן לטובת זיין אידעאַל.

אין מערץ 1906 האָבן מיר געפייערט די צוואַנציקיעריקע עקזיסטענץ פון אונדזער בלאַט. דער „אַרבייטער־פריינד“ האָט שוין דעמאָלסט באַלאַנגט צו די עלטסטע צייטונגען פון אונדזער באַוועגונג. אין שפּאַניע, איטאַליע און פראַנקרייך האָבן שוין אַפילו עקזיסטירט אַנאַרכיסטישע צייטונגען אין דער צייט פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, אָבער דער רוב פון אָט־די צייטונגען זיינען פריער אָדער שפּעטער געפאַלן ווי קרבנות פון דער רעאַקציע און האָבן דערנאָך געמוזט פאַרביטן ווערן דורך אַנדערע. דער „אַרבייטער־פריינד“ און „פרידאָם“, דער אָרגאַן פון די ענגלישע אַנאַר־כיסטן, האָבן תמיד געקאָנט אַרויסגיין אונטער זייער אַלטן נאָמען. בלויז צוויי פון

אונדזערע צייטונגען האָבן נאָך דעמאָלסט עקזיסטירט, וועלכע האָבן געהאַט הינטער זיך אַ לענגערע פאַרגאַנגענהייט: מאָסטס „פרייהייט" אין ניו יאָרק און „לאַ רעוואָלט" אין פּאַריז. די „פרייהייט" האָט אין לויף פון די יאָרן געמוזט אויסוואַנדערן פון ענגלאַנד אין דער שווייץ און שפּעטער קיין אַמעריקע. „לאַ רעוואָלט" האָט אין 1894 געמוזט אָפּשטעלן איר דערשיינונג, צוליב די באַרימטע „לואַ סעלעראַטס"-געזעצן, וועמען אַלע אַנאַרכיסטישע צייטונגען אין פראַנקרייך זיינען דעמאָלסט געפאַלן קרבנות; זי האָט אָבער אין יאָר 1895 באַנייס געקאָנט אַרויסגיין, אָבער אונטערן נאָמען „לע טאָן נואוואָ" און ווידער פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין לעבן אונטער זשאַן גראַווס אַלטער רע־דאַקציע.

מיר האָבן צו אָט־דער פייערונג אַרויסגעלאָזט א ספּעציעלן זעכצנזייטיקן גרויס־פאָרמאַטיקן נומער „אַרבייטער־פריינד", וועלכער איז שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן. אַלע פריערדיקע רעדאַקטאָרן פונעם בלאַט: פּיליפּ קראַנץ, ש. יאַנאָווסקי, א. וועס און א. פרומקין, האָבן אונדז פאַר דעמדאָזיקן נומער צוגעשיקט ספּעציעלע מיטאַרבעטונגען, פונקט אַזוי ווי א סך אַלטע מיטאַרבעטער פון דער צייטונג, ווי מ. ווינטשעווסקי, ס. פרימאַן, י. קאַפּלאַן, מ. קאַץ, ד״ר זאָלאָטאַראָוו, מיכאל קאָן, ל. עלשטין און אייניקע אַנדערע. עס האָט מיר אויך צוגעשיקט אַן אַרטיקל אַ. איסאַק, דער אַרויסגעבער פון „פרי סאָסייטי" אין שיקאַגאָ, וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער אַנאַרכיסטישער פּרעסע אין אַמעריקע, און נ. ראָגדאַיעוו, דער רעדאַקטאָר פונעם „בורעוועסטניק", האָט צו־געשיקט א לענגערן אַרטיקל וועגן דער טעטיקייט פון די אַנאַרכיסטן אין רוסלאַנד. צו דעם זיינען נאָך געקומען האַרציקע באַגריסונגען פון פּיאָטר קראָפּאָטקין, וו. טשער־קעסאָוו און יאָהאַן מאָסט. מאָסט האָט אונדז צוגעשיקט זיין מיטאַרבעט עטלעכע וואָכן פאַר זיין טויט, וועלכער איז צו אים געקומען גאַנץ אומדערוואַרט, בעת אַ רעפעראַטן־טור, דעם 17טן מערץ 1906 אין סינסינעטי. דער צופאַל האָט אַזוי געוואָלט, אַז פונקט יענעם אָוונט האָבן מיר גראַד געפייערט דעם יובילײ פון אונדזער בלאַט. דער ערשטער טייל פונעם יום־טוב מיט די ווערטער פון די פאַרשידענע רעדנער און מיט די אַנדערע נומערן פונעם פּראָגראַם איז שוין געווען פאַרענדיקט און די גרויסע צאָל חברים האָט געוואָלט אָנהייבן מיטן באַל, מיט וועלכן די פייערונג האָט געזאָלט פאַרענדיקט ווערן, ווען ס'איז פּלוצים אָנגעקומען פון ניו יאָרק אַ דעפּעשע מיט דער טרויעריקער ידיעה: „געשטאָרבן מאָסט". איז, פאַרשטייט זיך, דער באַל תיכף אָפּגעשטעלט געוואָרן, ווייל נאָכן אָנקום פון דער טרויעריקער ידיעה וועגן טויט פונעם אַלטן קעמפער האָט זיך אָפּגעטאָן די גוטע שטימונג פון די פאַרזאַמלטע.

אין הערבסט 1904 זיינען געקומען צו מיר עטלעכע יונגע חברים און מיר פאָר־געלייגט באַנייס אַרויסצוגעבן „זשערמינאַל". דאָס אָפּשטעלן אָט־דעם זשורנאַל איז צום שטאַרקסטן געפילט געוואָרן פון די גייסטיק־אַקטיוווסטע חברים און איך האָב פון מיין פריערדיקן לייענערקרייז כסדר באַקומען אָנפראַגעס, צי ס'איז שוין טאַקע נישט פאַראַן קיין מעגלעכקייט פונדאַסניי אויפצולעבן די צייטשריפט. אָבער איך האָב וועגן דעם אַפילו נישט געקאָנט חלומען. דער פאַרלייג פון די יונגע חברים איז פאַר מיר דעריבער געווען זייער סימפּאַטיש, וואָרום די באַוועגונג האָט זיך געניטיקט חוץ דעם

„אַרבייטער־פֿריינד" אויך אין אַ גוטן זשורנאַל, ביכדי צו פֿאַרטיפֿן די אידעען און צוציען גייסטיק־פֿעיקע כוחות. האָב איך דעריבער דערקלערט מיינע יונגע חברים, אַז זייער פֿאַרלייג איז מיר טאַקע שטאַרק צום האַרץ, אָבער אַז איך בין איצט נישט אימשטאַנד דעם זשורנאַל אַליין צו זעצן און אַליין צו פֿאַרוואַלטן, ווי איך האָב דאָס געטאָן פֿריער. האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז טאַקע צוליב דעם זיינען זיי געקומען צו מיר. זיי זיינען גרייט אַרויסצוגעבן דעם „זשערמינאַל" ווי אַ באַזונדערע גרופּע, צו שאַפֿן דאָס נייטיקע געלט און צו טאָן אַלע טעכנישע אַרבעטן און איך זאָל זיך אָפּגעבן בלויז מיט דער רעדאַקציע. ביי אַזעלכע אומשטענדן האָב איך זיי צוגעזאָגט איבערצונעמען די רעדאַקציע און איבערגעגעבן אין זייער רשות מיין גאַנצן שריפֿט־מאַטעריאַל צום אויסזעצן דעם זשורנאַל.

אַזוי איז אַנטשטאַנען די גרופּע „זשערמינאַל". זי איז באַשטאַנען פֿון בערך צוועלף ביז פֿופֿצן אינטעליגענטע יונגעלייט און האָט באַלאַנגט צו די סימפּאַטישסטע קרייזן פֿון אונדזער באַוועגונג. די גאַנצע גרופּע האָט געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ גרויסער מישפּחה, וועלכע האָט געלעבט צווישן זיך אין דער בעסטער האַרמאָניע און וועלכע האָט זיך אַליין אַוועקגעשטעלט דעם חוב דורכצופֿירן אַ געוויסע אויפֿגאַבע. איך געדענק נאָך ביז היינט מיט אינערלעכער פֿרייד דידאָזיקע פּרעכטיקע יונגע מענטשן, וועלכע האָבן פֿאַרשטאַנען, ווי אַזוי אַרויסצוברענגען אַזוי פֿיל אידעאַליזם און שטילע קרבנות־וויליקייט, ביכדי במשך פֿון אַ סך יאָרן דערמעגלעכן אַרויסצוגעבן די צייט־שריפֿט. דער רוב פֿון זיי איז שפּעטער אָפּגעפֿאָרן קיין אַמעריקע. דאָס זיינען געווען ר. קליינשטיין, דער ערשטער סעקרעטאַר פֿון דער גרופּע, אַ שטילער גריבלער, וועלכער איז שטענדיק געווען אַריינגעטאָן אינעם קאַמף מיט זיך אַליין און געזוכט נייע פּערס־פּעקטיוון; דער לייטזעליקער און טאַלאַנטירטער ב. דובאָווסקי, וועלכער האָט דע־מאָלסט זיכער נישט געחלומט, אַז ער וועט אין אַמעריקע דערגיין צו ווערן אַ גוטער דאָקטאָר־מעדיצינער; אַלעק קאָן, ראַמבאָן, ס. מאַרגאָליס און זיין פֿרוי גאָלדע און נאָך אַ סך אַנדערע. אויך דער אין פֿילאַדעלפֿיע געשטאָרבענער חבר אָסיפּ גאָטפֿיעלד און זיין ברודער סעם האָבן געהאַט פֿאַרדינסטן ביי דער אַרבעט אין דער גרופּע. עס דאַרף דאָ אויך נישט פֿאַרגעסן ווערן די קליינע זלאַטקע, וועלכע איז דורך עפּעס אַ צופֿאַל פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין דער גרופּע „זשערמינאַל". זי איז געווען אַ פֿריש יונג נאַטורקינד און איר פּרעכטיקע נאַיוויטעט האָט זי געמאַכט ביי אַלעמען ליב און נאָענט. ס'איז אמת, אַז גייסטיק האָט זי זיך נישט געקאָנט פֿאַרגלייכן מיט קיינעם פֿון די אַנדערע מיטגלידער, אָבער זי האָט געהאַט אַן אומאויסשעפּלעכן חשק צו אַרבעטן און איז געווען איינע פֿון די בעסטע פֿאַרשפּרייטערנס פֿונעם זשורנאַל.

דאָס אַרויסגעבן דעם „זשערמינאַל" האָט פֿאַר דער גאַנצער צייט פֿון זיין עקזיס־טענץ זיך געשטיצט אויף פֿרייוויליקער אַרבעט. נישט פֿאַר דער רעדאַקציע און נישט פֿאַר דער פֿאַרוואַלטונג איז ווען־ס'איז אויסגעגעבן געוואָרן אַ גראָשן אַפֿילו. היינט וואָלט דאָס אפשר געווען אַ שווערלעכער עיניין, אָבער דעמאָלסט זיינען נישט געווען קיין שטרויכלונגען פֿאַר אונדז, ווען אַפֿילו מיר זיינען אַלע געווען אָרעם ווי די נאַכט.

נאָך אַ 2־יאָריקן אָפּשטעל איז דער באַנייאיקער ערשטער נומער פֿונעם „זשערמי־

באַל״ אַרויסגעגאַנגען אין יאַנואַר 1905. איך האָב אָט־דעם נומער באַנייט מיט אַ לענ־גערער אַרבעט, וועלכע איז שפּעטער מיט יאָרן אַרויס אין אַ באַזונדערן בוך און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין צען אָדער צוועלף שפּראַכן. אַ ליטעראַרישע קוריאָזיטעט איז געווען אַ העקטאָגראַפירטע אויסגאַבע. אין יידיש און רוסיש, וועלכע איז אַרויסגע־קומען אין יאָר 1906 אין ווילנע און איז אין רוסלאַנד פאַרשפּרייט געוואָרן געהיימער־הייט. אַז אָט־יענע אַרבעט האָט נאָך אויך היינט נישט פאַרלוירן איר צוציונגסקראַפט, באַווייזט אַ פון אונדזער אַלטן כינעזישן חבר לו טשיען באָ געמאַכטע איבערזעצונג, וועלכע איז אַרויס אין יאָר 1947 אין טשענגטו שע. דאָסזעלביקע אַרטיקל איז שפּעטער אריינגענומען געוואָרן אין מיין בוך „פּאָם אַנדערען אופּער״. אין יאָר 1922 האָט דער בוענאָס־איירעסער פאַרלאַג „אַרגאַנאָוטאַ״ אַרויסגעגעבן אין שפּאַניש אַ 300־זייטיק בוך מיט אייניקע פון מיינע פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן אין „זשערמינאַל״ אונטערן טיטל „אַרטיסטאַס אי רעבעלדעס״, וועמענס איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן פונעם פאַרשטאָרבענעם ש. רעזניק.

אין יולי 1906 האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַ 24־זייטיקן ספּעציעלן נומער, וועלכער איז אינגאַנצן געווען געווידמעט צום געדעכעניש פון מיכאַל באַקונין. אינעם נומער זיינען אַריין חוץ באַקונינס בריוו און באַזונדערע כאַראַקטעריסטישע אַרטיקלען זיינע, אויך פּיאָטר קראָפּאָטקינס אַן אויסגעצייכנטע אַרבעט וועגן דעם גרויסן רעוואָלוציאָנער, וועלכע ער האָט אויף מיין בקשה ספּעציעל אָנגעשריבן פאַר אונדזער זשורנאַל. דזשיימס גיאָם, באַקונינס אַלטער פריינט פון דער צייט פונעם „אינטערנאציאָנאַל״ און איינער פון די אָנגעזעענסטע מענער פון דער אַלטער „יורא־פעדעראַציע״, האָט מיר צוגעשיקט פאַר יענעם נומער אַ קאַפּיטל פונעם כתב־יד פון זיין גרויסן ווערק „ל׳אינ־טערנאַסיאָנאַל״, וועלכעס איז שפּעטער אַרויס אין פּאַריז. יענץ קאַפּיטל האָט געהייסן „דריי טעג מיט מיכאַל באַקונין״ און האָט געשילדערט דעם מעכטיקן איינדרוק, וועלכן גיאָם און זיינע פריינט האָבן באַקומען פון באַקונינען, ווען ער איז צום ערשטן מאָל, אין פעברואַר 1869, אָנגעקומען קיין לאָקלעס, ביכדי צו האַלטן אַ רעדע פאַר די סעקציעס פונעם „אינטערנאַציאָנאַל״ אין דער יורא. אויך דער חבר וולאַדימיר טשערקעסאָף האָט מיר צוגעשיקט אַן אינטערעסאַנטן אַרטיקל, וועלכער האָט זיך באַ־שעפטיקט מיט די מאַכינאַציעס פון די מאַרקסיסטן קעגן באַקונינען. יענער נומער האָט אין אונדזערע קרייזן באַקומען אַ גרויסע אָנערקענונג און אַ היפּשן פאַרשפּרייט. אַ סך אַרטיקלען זיינען פון דאָרט איבערגעזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן און דער בערלינער „דער פרייע אַרבייטער״ האָט אים אינגאַנצן איבערגעדרוקט.

דער אייפעריקער און אומדערמידלעכער אַרבעט פון דער גרופּע „זשערמינאַל״ האָבן מיר עס געהאַט צו פאַרדאַנקען, וואָס אונדזער זשורנאַל האָט כסדר געקאָנט אַרויסגיין רעגלמעסיק אין 16 זייטן, אַזוי ווייט, אַז מיר האָבן זיך, אין אַפּריל 1906, געפילט אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבן געקאָנט אַרויסגעבן אַן 48־זייטיקן נומער. אַזוי איז ער אַרויס ביז צו דער מיט פון יאָר 1908. די אויפלאַגע איז געווען אין 2.000 עקזעמ־פּליאַרן, וועלכע איז שפּעטער געהעכערט געוואָרן צו 2.500. אינגאַנצן זיינען אַרויס פונעם „זשערמינאַל״ פינף פולע יאָרגענג און אייניקע נומערן פונעם זעקסטן יאָרגאַנג.

דאָס אַרויסגעבן אים געהערט זיכער צו די שענסטע געשעענישן פון דער יידישער פרייהייטלעכער באַוועגונג פון יענער צייט.

איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען פון אונדזער דעמאָלסטיקער טעטיקייט איז געווען דאָס אַרויסגעבן אַ היפּשפאַרנעמיקע ליטעראַטור, וועלכע איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַלע לענדער, ווו יידישע אַרבעטער האָבן זיך דעמאָלסט באַזעצט. אונדזער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן נישט בלויז צענדליקער קלענערע ביכעלעך פון די באַקאַנטסטע פרייהייטלעכע שריפטשטעלער פון אַלע לענדער, נייערט אויך אַ גאַנצע ריי גרעסערע ווערק, אַזעלכע ווי קראָפּאָטקינס „ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער״ און „ברויט און פרייהייט״; לואיזע מישעלס לעבנסבאַשרייבונג, דוד עדעלשטאַטס שריפטן, רעקליוס „עוואָלוציע, רעוואָלוציע און דער אַנאַרכיסטישער אידעאַל״, מאַקאַיס „די אַנאַרכיסטן״, גראַווס „די אָפּשטאַרבנדיקע געזעלשאַפט און די אַנאַרכיע״, ראָקערס „פראַנסיסקאָ פעררער און די מאָדערנע דערציונג פון דער יוגנט״ און „צו דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פראַנקרייך״. חוץ דעם איז אין אונדזער פאַרלאַג אַרויס אַ היפּשע צאָל ווערק פון בעלעטריסטישן כאַראַקטער, אַזעלכע ווי מולטאַטוליס „ליבעס בריוו״, איבסענס „דער פאָלקס־פיינט״ און „די זיילן פון דער געזעלשאַפט״, גאָרקיס „דריי מענטשן״, מאַלוואַ״, „קאָנאָוואַלאָוו״ און „די האַרן פונעם לעבן״; ביכנערס „דאַנטאָנס טויט״; האָלענדערס „דאָס לעצטע גליק״ און אַ שלל קלענערע ווערקלעך פון אָסקאַר וואַילד, אַנטאָן טשעכאָוו, אַנאַטאָל פראַנס, קנוט האמסון, מאָריץ מעטערלינג און נאָך איניקע אַנדערע, שוין נישט צו רעדן פון די הונדערטער קלענערע דערציילונגען פון באַקאַנטע מחברים פון דער וועלטליטעראַטור, וועלכע זיינען כסדר רעגלמעסיק געדרוקט געוואָרן אויף די זייטן פונעם „אַרבייטער־פריינד״ און „זשערמינאל״, אָבער נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין בוכפאָרעם. די אַרבעטס־פעיקייט פון אונדזער פאַרלאַג האָט זיך אין דעם פּרט געקאָנט גוט פאַרגלייכן מיט דער אַרבעט פון „טאַן נואוואַ״ אין פּאַריז, „לאַ פּראָטעסטאַ״ אין בוענאָס איירעס און דער שפּעטערדיקער פאַרלאַגסאַרבעט פונעם „סינדיקאַליסט״ אין בערלין. דער פאַרלאַג „אַרבייטער־פריינד״ האָט אַזוי אַרום, אין משך פון צען יאָר (1904—1914), אַרויסגעגעבן מער ווי 80.000 ביכער און בראָשורן. דערביי מוז מען נאַטירלעך געדענקען, אַז אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שפּראַכן איז די צאָל לייענער אין יידיש געווען פאַרהעלטניש־מעסיק קליין. וועגן דעם באַדייט פון אָט־דער אַרבעט פאַר דער אַלגעמיינער יידישער ליטעראַטור, וועלכע איז דעמאָלסט ערשט געווען אין איר התחלהדיקער אַנטוויקלונג, איז דאָך שוין גאָרנישט וואָס צו רעדן.

דאָ מוז איך דערמאָנען צוויי חברים, וועלכע האָבן זיך אויף אָט־דעם פעלד פון אונדזער אַרבעט פאַרשאַפט באַזונדערע פאַרדינסטן. דאָס זיינען אברהם פרומקין און דוד איזאַקאָוויטש. וועגן פרומקינס אויסגעצייכנטע אויפטוען ווי אַן איבערזעצער איז שוין פריער גערעדט געוואָרן. זיינע גרויסע פאַרדינסטן אויף אָט־דעם געביט זיינען אומאָפּשאַצבאַר. ער האָט אין יענע יאָרן געטאָן פאַר אונדז אַן אַרבעט, וועלכע טאָר נישט גרינגגעשאַצט ווערן און וועלכע דאַרף נאָך מער אונטערגעשטראָכן ווערן, ווען

מ׳ווייסט, אַז ס׳איז אים שטענדיק אויסגעקומען ביטער צו קעמפן מיט דער נויט פון לעבן.

איזאַקאָוויטש איז געווען איינער פון די ערשטע יידישע חברים, מיט וועמען איך בין אין לאָנדאָן געקומען אין נאָענטן באַריר. מיר זיינען שוין געווען פריינט נאָך דעמאָלסט, ווען איך האָב נאָך אַפילו נישט געקאָנט חלומען, וואָס פאַרא ראָל ס׳איז פאַר מיר געווען רעזערווירט אין דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג. איזאַקאָוויטש האָט געשטאַמט פון א קליין שטעטל אין דער ליטע און איז, פונקט ווי א סך אַנדערע, פאַרוואָרפן געוואָרן קיין לאָנדאָן, ווו ער האָט זיך פון אָנהויב אויסגעלערנט סטאָלעריי, ביכדי צו פאַרדינען אויף חיונה. אין לאָנדאָן איז ער באַלד באַקאַנט געוואָרן מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און ער האָט זיך גאָר איינגיכן אָנגעשלאָסן צו דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״. ווען די לאָנדאָנער חברים האָבן אין יאָר 1903 ווידער אָנגעהויבן אַרויסגעבן אונדזער אַלטן „אַרבייטער־פריינד״, איז איזאַקאָוויטשן איבערגעגעבן געוואָרן די פאַרוואַלטונג. און קיין בעסערן אויסוואַל האָבן מיר מיסתמא נישט געקאָנט מאַכן.

די אויפגאַבע, וועלכע איז דעמאָלסט געשטעלט געוואָרן פאַר אונדזער פאַרוואַלטער, איז נישט געווען אַזאַ פּשוטע ווי ס׳קאָן זיך אויסווייזן, און זי איז כסדר פאַרגרעסערט געוואָרן, בהסכם דערמיט ווי ס׳איז פאַרגרעסערט געוואָרן די באַוועגונג. איזאַקאָוויטש האָט נישט בלויז געדאַרפט זאָרגן פאַרן טעכנישן צונויפשטעל פון דער צייטונג, ער האָט אויך געמוזט צולייגן אַ האַנט ביים זעצן די צייטונג, באַזאָרגן די גאַנצע געשעפטלעכע קאָרעספּאָנדענץ, זוכן און ברענגען דרוקאַרבעט פון די אַרבעטער־פאַריינען פאַר אונדזער דרוקעריי און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און נאָך א גאַנצן שלל קלענערע אַרבעטן, וואָס זיינען אומפאַרמיידלעך פאַרבונדן מיט אַ באַוועגונג.

זיין אָנשטרענגונג איז עס בעיקר געווען צו פאַרדאַנקען, אַז די גרופּע האָט דעמאָלסט געקאָנט איינאָרדענען אַ גאַנץ נייע דרוקעריי. דער אַלטער דרוק־מאַטעריאַל איז שוין לאַנג געווען אָפּגענוצט און האָט זיך שוין נישט צוגעפּאַסט צו אונדזערע נייע באַדערפענישן. איזאַקאָוויטש איז אויך געווען דער ערשטער אָרגאַניזאַטאָר פון אונדזער נייעם פאַרלאַג, וועלכן ער האָט געהאַלטן אין כסדרדיקן אַנטוויקלען מיט גרויסער פאַרשטענדעניש און מיט א געניטער האַנט. דידאָזיקע שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט איז אָנגעפירט געוואָרן כימעט אויסשליסלעך פון אים אַליין און ער האָט זיך צו איר געווידמעט מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט און קרבנות־גרייטקייט, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען זיין פּערזענלעכע אונטערנעמונג. די דרוקעריי און דער פאַרלאַג זיינען געווען זיין אייגענע מלוכה און ער האָט דאָרט געהערשט מיט א קלוגער מיושבדי־קייט און מוסטערהאַפטער נאמנות. א באַשטימטע אַרבעטסצייט האָט פאַר אים לגמרי נישט עקזיסטירט. ער האָט דאָס אַפילו נישט פאַרלאַנגט, מחמת זיין אַרבעט איז אים געווען ליב און טייער און נישט געקוקט אויף די מאַטעריעלע שוועריקייטן, מיט וועלכע ס׳איז אים כסדר אויסגעקומען זיך צו ראַנגלען ביי אָט־דער אַרבעט, האָט זי אים פאַרשאַפט יענע טיפע אינערלעכע באַפרידיקונג, אָן וועלכער אַזאַ אַרבעט וואָלט איבערהויפּט נישט מעגלעך געווען. און נעבן דעם אַלעם האָט ער נאָך געפונען צייט

זוען־נישט־וועז צו שרייבן אַרטיקלען פאַרן „אַרבייטער־פריינד" און אומעטום אונטער־צוקומען מיט הילף, ווו דאָס איז נאָר געווען נייטיק.

איזאַקאָוויטש איז שפּעטער אָפּגעפאָרן מיט זיין פרוי אסתר קיין אַמעריקע און איז ביז צום סוף פון זיין לעבן געבליבן ענג פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג. ער האָט זיך תמיד אקטיוו באַטייליקט אין די אַרבעטן פונעם פאַרוואַלטונגסראַט פון דער „פרייער אַרבעטער־שטימע", פאַר אָט־דער צייטונג געשריבן און אומעטום געזוכט צו ווירקן פאַר זיינע אידעען.

איינע פון זיינע פאַרדינסטפולסטע אויפטוען איז געווען זיין אומדערמידלעכע טעטיקייט אין דער ניו־יאָרקער „קראָפּאָטקין־ליטעראַטור־געזעלשאַפט", וועלכע האָט אין דער צייט פון איר עקזיסטענץ אַרויסגעגעבן א גאַנצע ריי קראָפּאָטקינס בעסטע ווערק און אויך ווערק פון אַנדערע מחברים. צוזאַמען מיט דר. מעריסאָן, צו וועמען איזאַקאָוויטש איז אידעאָלאָגיש געשטאַנען זייער נאָענט און מיט וועמען ער איז געווען פאַרבונדן אין געטרייער פריינטשאַפט ביז צו יענעמס טויט, איז ער געווען די גאַנצע נשמה פון יענעם קליינעם קרייז, וועלכער האָט איבערגעלאָזן אַזעלכע טיפע שפּורן אויף דער יידישער באַוועגונג אין אַמעריקע.

אונדזער פאַרלאַג־טעטיקייט האָט נאַטירלעך פיל צוגעהאָלפן צו דעם, אַז דער „אַרבייטער־פריינד" זאָל במשך פון אָט־די אַלע יאָרן קאָנען דערשיינען רעגולמעסיק. אין דערזעלביקער צייט האָט עס אונדז אויך געגעבן די מעגלעכקייט ממשותדיק צו אונטערשטיצן די יונגע באַוועגונג אין רוסלאַנד. ווייל אין יענע יאָרן האָבן זיך אַנטוויקלט די ערשטע אָנהויבן פון אַן אַנאַרכיסטישער באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד און פוילן. דער „אַרבייטער־פריינד" האָט נאָך פריער געהאַט איינגעפירט א באַזונדערע רובריק אין יעדן נומער, אין וועלכער ס'זיינען פאַרצייכנט געוואָרן אַלע וויכטיקע פּאַסירונגען, וועלכע זיינען אין יענער שטורמישער צייט פאָר־געקומען אין דער צאַרישער מלוכה. פון דעמאָלסט אָן האָבן מיר אָפט באַקומען באַ־ריכטן וועגן אונדזער אייגענער באַוועגונג, וועלכע זיינען איבערגעשיקט געוואָרן פון די געהיימע גרופּן אין ביאַליסטאָק, וואַרשע, גראָדנע און ווילנע. מיט דער צייט האָבן די חברים פון רוסלאַנד אָנגעקניפּט מיט אונדז ענגערע באַציונגען. פון צייט צו צייט פלעגן זיך באַווייזן שליחים פון רוסישע גרופּן אין לאָנדאָן, ביכדי זיך מיט אונדז צו האַלטן אַן עצה און צו אָרגאַניזירן דאָס אַריבערשמוגלען אונדזער ליטעראַטור איבער דער גרענעץ קיין רוסלאַנד. אַזוי אַרום איז דער „אַרבייטער־פריינד" און דער „זשער־מינאַל", פּונקט אַזוי ווי אַלע אַנאַרכיסטישע אויסגאַבן פון אונדזער פאַרלאַג, אויך אַנגעקומען קיין רוסלאַנד. פון אָנהויב זיינען געמאַכט געוואָרן קליינע שיקונגען, ביז די פאַרבינדונגען וועלן קאָנען בעסער אָרגאַניזירט ווערן. שפּעטער אָבער זיינען איבערגעשיקט געוואָרן גרעסערע פּעק פון אונדזער ליטעראַטור צו די שטעט פונעם תחום המושב אין מיזרח, וועלכע זיינען איבערגעגעבן געוואָרן די רוסישע חברים פריי פון יעדן אָפּצאָל.

אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער וועג אריבערצופעקלען אונדזער ליטעראַטור קיין רוסלאַנד, וועלכער איז געווען שטאַרק כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלסטיקע צושטאַנדן אין

דער צאַרישער מדינה, איז געווען אָט־דער: איינער פון אונדזערע אלטע חברים אין לאָנדאָן, ב. רודערמאַן, האָט פון זינט אַ סך יאָרן געהאַט אַ קליינע בוכהאַנדלונג אין הענבורי־סטריט און פון צייט צו צייט אויך אַרויסגעגעבן קליינע ביכלעך. ווי אַ בוכ־הענדלער איז ער געשטאַנען אין געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיטן יידישן פארלעגער קלעצקין אין ווילנע און פון אים רעגלמעסיק באַקומען ביכער און זשורנאַלן, וועלכע פלעגן אַרויסגיין אין רוסלאַנד. אַנשטאָט געלט פלעגט רודערמאַן שיקן קלעצקינען פון צייט צו צייט גרעסערע טראַנספּאָרטן יידישע ביכער, דערשינענע אין ענגלאַנד און אַמעריקע, וועמעס אינהאַלט די רוסישע צענזור האָט נישט קאָנטראָלירט, נישט גע־טשעפּעט. שפּעטער האָט אָט־די פאַרבינדונג געפירט צו דעם, אַז קלעצקין האָט פאַר־געלייגט רודערמאַנען אים צו שיקן קיין רוסלאַנד אויך פאַרווערטע ליטעראַטור. דאָס פלעגט געשען אַזוי, אַז מ׳פלעגט אָנפילן די קאָסטנס מיט פאַרבאָטענער ליטעראַטור און בלויז אויף דער אויבערשטער און אונטערשטער שיכט פונעם קאַסטן איז געלעגן כשרע ליטעראַטור. דער צענזאָר אין ווילנע איז מיסתמא פון קלעצקינס פאַרלאַג אָפּגעחורשט געוואָרן, ביכדי ער זאָל די זאַכן דורכלאָזן אזוי ווי זיי קומען אָן. אָט־די באקומענע פאַרבינדונג, וועגן וועלכער ס׳האָבן אין לאָנדאָן געוווסט בלויז אייניקע חברים, האָט אָנגעהאלטן עטלעכע יאָר צייט און האָט נישט געהאט קיין שום איבערשלאָג. פאַר אונדזערע חברים אין רוסלאַנד איז דאָס נאַטירלעך געווען אַ גרויסע טובה. זיי האָבן טאַקע געמוזט באַצאָלן דעם ווילנער פאַרלעגער, וועלכער האָט מיט אונדזער באַוועגונג נישט געהאט קיין שום שייכות, פאַר דער באַקומענער ליטעראַטור, אָבער דערפאַר האָבן זיי זיך איינגעשפּאָרט די סכנות און אויסגאַבן ביי דער גרענעץ.

# דער קלוב אין דזשובילי־סטריט

איינער פון די גרעסטע אויפטוען אין יענע קעמפערישע טעג איז געווען די גרינדונג פונעם „אַרבייטער־פריינד"־קלוב אין דזשובילי־סטריט אין איסט־ענד. מיר האָבן זיך שוין לאַנג געהאַט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק איינצואָרדענען אַן אייגענע היים. זינט דעם אונטערגאַנג פונעם בערנער־סטריט־קלוב, וועלכער איז נאָך געהאַט פאַרמאַכט געוואָרן א סך צייט פאַר מיין אריינטרעטן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן די יידישע אַנאַרכיסטן מער נישט געהאט קיין אייגענע היים און זיינען געווען אָנגעוויזן אויף געדונגענע זאַלן, וועלכע האָבן מער נישט געקאָנט זיין פאַסיק פאַר די באַדערפענישן פון דער באַוועגונג. די „פעדעראַציע פון די יידישע אַנאַר־כיסטן" האָט זיך זינט 1904 שטאַרק פאַרנומען מיטן פּלאַן צו באַזאָרגן אַן אייגן הויז. אויף אַ ספּעציעלער קאָנפערענץ איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס צו פאַרשפּרייטן צווישן די חברים אַזעלכע איינפונטיקע אַקציעס, וועלכע האָבן געקאָנט אויסגעצאָלט ווערן אין וועכנטלעכע קוואָטעס. ביכדי מ'זאָל דעם עינין נעמען ערנסט, איז די גאַנצע צייט אָנגעפירט געוואָרן אַ לעבהאַפטיקע פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע איז פון אַלעמען גוט אויפגענומען געוואָרן. נאָכדעם ווי מיר האָבן געאַרבעט כימעט צוויי יאָר פאַרן דורכפיר פון אונדזער אונטערנעמונג, האָבן מיר לסוף באַוויזן איינצוקויפן אַ נישקשהדיקן בנין, דעם געוועזענעם „אַלעקסאַנדראַ־האָל" אין דזשובילי־סטריט. דאָס שיין־גע־בויטע הויז האָט געהאט אַ פּרעכטיקן, הויכן און לופטיקן זאַל, וועלכער האָט צוזאַמען מיט דער גאַלעריע געקאָנט אַריינגעמען 800 מענטשן בערך. צו דעם זיינען נאָך צוגע־קומען אייניקע אַנדערע קלענערע לאָקאַלן, פון וועלכע דער אונטערשטער טייל איז באַנוצט געוואָרן פאַר געזעלשאַפטלעכע צונויפטרעפן, בעת אַ גרעסערער צימער אויפן צווייטן גאָרן האָט געדינט ווי א ביבליאָטעק און לייענזאַל. אַ קליינע הייזקע, תיכף נעבן בינין פונעם קלוב, האָט געדינט דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד" פאַר איר דרוקעריי און דעם פאַרלאַג. דאָסדאָזיקע קליינע הייזל איז געבליבן אין רשות פון דער גרופּע אויך נאָכדעם ווי דער קלוב און די צייטונג זיינען שוין לאַנג געהאַט אונטער־געגאַנגען, ביז נאָכן אויסברוך פונעם צווייטן וועלטקריג, ווען ס'איז פוןביידע הייזער און פון אַלעם, וואָס איז נאָך געהאט איבערגעבליבן פון אונדזער דרוקעריי און פון די אייגענע ביכער פון אונדזער פאַרלאַג, געוואָרן אש און שטויב פון די נאַצישע באָמבעס.

דער קלוב איז דערעפנט געוואָרן דעם 3טן פעברואַר 1906. דאָס איז געווען אַ געשעעניש, וועלכע איז פאַר אַלע, וועלכע האָבן זיך אין איר באַטייליקט, פאַרבליבן

אומפּאָרגעסלעך. דער גרויסער זאַל און די גאַלעריע זיינען געווען באַזעצט ביז צום לעצטן פּלאַץ, אַזוי אַז מיר האָבן נאָך פאַרן אָנהייבן דעם יום־טוב געמוזט צומאַכן די טירן, מחמת דער זאַל האָט נישט געקאָנט אַריינגעמען מער מענטשן. מ׳האָט ביי אַלע פאַרזאַמלטע געקאָנט אַראָפּלייענען די שימחה פון די פּנימער; יעדער האָט גע־פילט, אַז מיר האָבן דערגרייכט אויסערגעוויינלעכס און זיינען געווען שטאָלץ אויף דעם. ווען איך בין לסוף צוגעטראָטן צו עפענען דעם אָוונט מיט אַ קורצער רעדע, האָב איך בולט געפילט די אינערלעכע וואַרעמקייט און געטרייע חברשאַפט פון יענע פּשוטע אַרבעטער, וועמעס קרבנות־גרייטקייט און שטילע איבערגעגעבנקייט האָבן אונדז דערמעגלעכט אַזאַ אויפטו. כימעט אַלע יידישע אַרבעטער־פאַריינען אין לאָנדאָן און אונדזערע גרופּן אין לאַנד האָבן אונדז צוגעשיקט באַגריסונגען. אויך זיינען אָנגע־קומען באַגריסונגען פון מאַלאַטעסטאַ, וועלכער האָט דורך אַ שווערער בלוט־פאַר־גיפטונג נישט געקאָנט קומען פאַרברענגען מיט אונדז, און פון לואיזע מישעל און טאַררידאַ דעל מאַרמאָל, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פראַנקרייך. דער ווילער טאַררידא האָט אפילו נישט פאַרגעסן צוצושיקן זיין ערשטן אַפּצאָל, ווי אַ מיטגליד פונעם נייעם קלוב.

איך בין פּונקט געווען פאַרנומען מיטן פאַרלייענען די גרויסע צאָל באַגריסונגען, און סימפּאַטיע־אויסדרוקן, ווי ס׳האָט זיך אין זאַל פּלוצים דערהערט אַן אויסדרוק פון אַן אומגעהייערער פרייד, וועלכער האָט מיך געצוווּנגען אָפּצושטעלן מיין לייענען. פּיאָטר קראָפּאָטקינס און זיין פאַמיליעס אַריינקום איז דאָס געווען דער גורם פון אָט־דעם אָוואַציע־שטורעם. אונדזער גרויסער אַלטיטשקער האָט פאַרנומען אין האַרץ פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אַזאַ גרויסן פּלאַץ ווי מיסתמא קיין שום אַנדערער און ער איז תמיד געווען גוט אינפאָרמירט וועגן אַלץ, וואָס קומט פאָר אין דער באַוועגונג. שוין פון זינט אַ לאַנגער צייט, ווי קראָפּאָטקין האָט נישט גערעדט אויף קיין עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, מחמת צוליב זיין שאַרפער האַרצקראַנקייט האָבן אים די דאָקטוירים פאַרווערט יעדן מין אויפרעגונג. ווען מיר האָבן געמאַכט די נייטיקע צוגרייטונגען צו עפענען דעם קלוב, זיינען אַלע חברים געווען מיט דער מיינונג, אַז מיר מוזן דעם אַלטיטשקן אומבאַדינגט פאַרבעטן. קיינער האָט נאַטירלעך נישט געוואָלט, אַז ער זאָל רעדן לאַנג; מ׳האָט בלויז געוואָלט הערן פון אים עטלעכע ווערטער און ביפרט, אַז ער זאָל ביי אַזאַ פייערלעכער געלעגנהייט זיין צווישן אונדז. בין דעריבער איך צוזאַמען מיט אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, דער סעקרעטאַר פונעם קלוב, אוועק צו אים, ביכדי אים און זיין פרוי סאָפיע איבערגעבן, וואָס די חברים פאַרלאַנגען פון אים. ס׳איז אונדז געווען אַביסל שווערלעך אויפן געמיט, ווייל מיר האָבן דאָך גוט געוווּסט, אַז מיר דאַרפן דעם אַלטיטשקן נישט באַלעסטיקן מיט זאַכן, וועלכע קענען פאַר אים ביי געוויסע אומשטענדן ווערן געפערלעך. אָבער פון דער אַנדערער זייט איז די סיבה פון פאַרבעטן אים געווען אַזאַ אויסערגעוויינלעכע, אַז ס׳איז לייכט צו פאַרשטיין, פאַר וואָס ס׳האָט זיך אונדז דווקא ביי אָט־דער געלעגנהייט נישט געוואָלט אָפּזאָגן זיך פון זיין אָנוועזנהייט.

פּיאָטר, וועלכער איז שוין פון לאַנג געווען באַקאַנט מיט אונדזערע פּלענער, האָט

אונדז פון אָנהויב אינגאַנצן נישט געלאָזט רעדן. ווי־נאָר איך האָב אים געלאָזט וויסן, אַז מיר האָבן באַשטימט די דערעפענונג פונעם קלוב אויפן 3טן פעברואַר, האָט ער תיכף דערקלערט מיט זיין כאַראַקטעריסטישער וואָרעמקייט און לעבהאַפטיקייט, אַז ער וועט נאַטירלעך קומען מיט זיין מישפּחה צו יענעם אָוונט. איך האָב אים אויסדריקלעך געזאָגט, אַז ער דאַרף נישט רעדן מער ווי פינף אָדער צען מינוט און סאָפּיע איז מיר דערפאַר געווען זייער דאַנקבאַר, וואָרום זי האָט דאָך געוווסט וועגן זיין צושטאַנד בעסער ווי אַן אַנדערער. אָבער ווען דער אַלטיטשקער איז יענעם אָוונט דאָס ערשטע מאָל אַריינגעקומען אינעם גרויסן זאַל און געפילט די פריידיקע באַגייסטערונג פון דער געדיכט־אָנגעפּאַקטער צוהערערשאַפט, איז ער אַזוי שטאַרק מיטגעריסן געוואָרן פון דער אַלגעמיינער שטימונג, אַז ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרגעסן און גערעדט איבער אַ האַלבע שעה. ווען ער האָט זיך דערנאָך געזעגנט מיט אונדז, איז ער געווען אביסל פאַרמוטשעט, אָבער אין דער בעסטער שטימונג. אין דער ווירקלעכקייט האָט ער זיך אָנגעשטרענגט מער ווי ער אַליין האָט פריער גערעכנט. ווען ער איז אָנגעקומען אהיים, האָט ער באַקומען אַ שווערע האַרצאַטאַקע. נאָר דעם אימשטאַנד, וואָס אַ שכנישער דאָקטאָר איז תיכף געווען נעבן אים. האָבן מיר געהאַט צו פאַרדאַנקען, וואָס ס'איז אין יענער נאַכט אפשר פאַרהיט געוואָרן פונעם ערגסטן. ווען מיר זיינען צומאָרגנס געוווּיר געוואָרן וועגן דעם, האָבן מיר זיך געפילט זייער שלעכט און זיך געמאַכט די שטאַרקסטע פאָרווורפן, וואָס צוליב אונדזער אומאויסגערעכנטן אויפפיר האָבן מיר אונדזער גרויסן לערער אויסגעשטעלט צו אזא גרויסער סכנה. וואָלטן מיר געווען געהאַט די מינדסטע אַנונג, וואָס דאָ שטייט אין קאָן, וואָלטן מיר קיינמאָל נישט געווען גענומען אַזאַ שווערע אַחריות אויף זיך.

אין יענעם געדענקווירדיקן אָוונט האָט נאָך גערעדט אַ גאַנצע שורה חברים אונדזערע, צווישן זיי וויליאַם וועס, סיימאָן פרימאַן, וועלכע זיינען ביידע געשטאַנען ביים וויגעלע פונעם „אַרבייטער־פריינד" און דורכגעמאַכט דעם גאַנצן פּעריאָד פונעם אַלטן בערנער־קלוב. דער אַלטער קלוב אין בערנער־סטריט און דער נייער קלוב, וועלכן מיר האָבן איצט דערעפנט, זיינען, אינדערזאַמתן, געווען צוויי מאַרקיר־שטיינער אין דער פרייהייטלעכער באַוועגונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ענגלאַנד, און לויט זיי האָט מען געקאָנט בולט מעסטן דעם פּראָגרעס, וועלכן מיר האָבן געמאַכט. אויך אונדזערע ביידע ענגלישע חברים דזשאָן טוירנער און טעד לעגאַט האָבן אין יענעם אָוונט גענומען דאָס וואָרט און אויסגעדריקט זייער האָפענונג, אַז דער נייער קלוב וועט זיין אַ מאָטיוו פאַר אַ לעבעדיקער און מזלדיקער אַקטיוויטעט נישט נאָר פאַר דער יידישער באַוועגונג, נייערט אויך פאַר דער ענגלישער. ס'איז שוין געווען כימעט באַגינען פון מאָרגנדיקן טאָג, ווען די לעצטע פון אונדז זיינען אוועק אהיים, באַגייסטערט מיט דער בעסטער האָפענונג פאַר דער צוקונפט.

דער קלוב פונעם „אַרבייטער־פריינד" איז אינדעראמתן געווען דער אויסערלעכער אויסדרוק פון דער פּרוכפּעריקסטער און גלענצנדיקסטער תקופה, וועלכע די יידישע אַרבעטערבאַוועגונג אין ענגלאַנד האָט דורכגעלעבט. דאָס איז געווען א געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע אינעם טיפסטן באַנעם פון אָט־דעם וואָרט, וועלכע האָט געדינט

די חברים נישט נאָר ווי אַ פּלאַץ פאַרן געזעלשאַפטלעכן אויסלעב, נייערט זי האָט זיך, חוץ דעם, אַנטוויקלט אין אַן אמתער שול אויף די פאַרשידנדיקסטע געביטן, אַ שול, וועלכע האָט צוגעטראָגן אַ נישט קליינעם חלק פאַר אויפהייבן די אינטעלעקטועלע קולטור פון די אַרבעטער. ביכדי דאָס ריכטיק צו באַגרייפן, מוז דאָ קודם כל געזאָגט ווערן, אַז אונדזער קלוב איז אין זיין תוך געווען לחלוטין אַנדערש ווי ס׳זיינען געווען די ענגלישע קלובן דעמאָלסט.

די ענגלישע קלובן, וועלכע האָבן זיך בעיקר אַנטוויקלט אונטערן דרוק פון די פּוריטאַנישע טראַדיציעס, זיינען געווען אויסגערעכנט כימעט אויסשליסלעך אויפן פּריוואַטן פאַרקער און אויף אונטערהאַלטן פון געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער אין ענגערן קרייז. אונטערן איינפלוס פון יענעם קאַלוויניסטישן גייסט זיינען אין ענגלאַנד אין משך פון לאַנגע דורות געווען פאַרווערט אַלע געזעלשאַפטלעכע עפנטלעכע פאַר־ווײַלונגען אין די זונטיקן און יום־טובים, טעג, וועלכע זיינען געווען באַשטימט רק פאַר תפילות דאָס עפענען די טעאַטער־ און קאָנצערט־זאַלן אין אָט־די טעג איז געווען אַ דערגרייכונג ערשט פון דער לעצטער צייט. אַזוי ווי אין ענגלאַנד האָבן אויך נישט עקזיסטירט קיין קאַפעהייזער אָדער ענלעכע טרעפפּונקטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן ווי אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט, און די „פּאָבליק האָוז", ווו די משקות פלעגן כימעט שטענדיק געטרונקען ווערן שטייענדיקערהייט, זיינען אין די יום־טובים געווען געעפנט בלויז עטלעכע שעה, זיינען, בכן, די קלובן געווען די איינציקע ערטער, ווו ס׳האָט געקאָנט אָנגעהאַלטן ווערן אַ געזעלשאַפטלעכער פאַרקער אין באַשרענקטע ראַמען. די קלובן איז געווען דערלויבט צו סערווירן זייערע מיטגלידער שאַרפע געטראַנקען, ניט מוזנדיק האָבן פאַר דעם קיין ספּעציעלע דערלויבעניש, און היות דער רוב פון זיי איז געווען אָנגעוויזן אויף אַזאַ קאָנסום, ביכדי צו קאָנען עקזיסטירן, איז אָט־די פּריווי־לעגיע געווען די סיבה דערפון, וואָס זיי האָבן זיך געמוזט גענצלעך אָפּשליסן פון דער עפנטלעכקייט. די געזעצן זיינען אין דעם פּרט געווען זייער שטרענג און ס׳איז געווען אַ ספּעציעלער מין מוסרים, וועלכע האָבן געמאַכט פאַר זייער פּרנסה ארומצוגיין איבער די קלובן און זיי צו מסרן, ווען נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט. ס׳איז געווען גענוג צו ברענגען דעם באַווייז, אַז מ׳האָט דערלאַנגט אַ נישט־מיטגליד אַ גלאָז ביר אָדער ברענדי, ביכדי אויפן קלוב אַרויפצולייגן אַ שווערע געלטשטראָף, וועלכע האָט לייכט געקאָנט זיין אַ סיבה פון זיין אונטערגאַנג.

אונדזער קלוב האָט נאַטירלעך געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. זיין אויפ־גאַבע איז באַשטאַנען אין דעם, זיך נישט אָפּצושליסן פון דער עפנטלעכקייט, נייערט, אדרבא, אַריינצוציען מענטשן, ווען און ווו דאָס איז נאָר געווען מעגלעך. דעריבער זיינען אַלע אונדזערע איינריכטונגען, אַזעלכע ווי דער באַנוץ פון דער ביבליאָטעק און פונעם לייענזאַל, פּונקט ווי די באַטייליקונג אין פאַרשידענע קורסן, געווען פריי פאַר יעדן איינעם און ס׳איז נישט געווען קיין שום חילוק, צי ער איז יאָ אָדער נישט געווען אַ פאַרשריבענער מיטגליד פון קלוב. ביכדי דאָס צו דערמעגלעכן, האָבן מיר זיך נאַטירלעך געמוזט אָפּזאָגן פון סערווירן אַלקאָהאָלישע משקות און געקאָנט דערלאַנגען אונדזערע באַזוכער נאָר אַזעלכע געטראַנקען, אויף וועלכע ס׳זיינען נישט

חל די קלוב־געזעצן, אַזעלכע ווי טיי, קאַווע, מאכלים א.ד.גל. צוליב דעם זיינען מיר אויך געווען אַנגעוויזן אויף גאַנץ אַנדערע מיטלען, ביכדי צו קאָנען דעקן אונדזערע רעגלמעסיקע אויסגאַבן.

דער קלוב איז פון איצט אָן געוואָרן דער וויכטיקסטער צענטער פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן אין איסט־ענד. נאָר ביי באַזונדערס גרויסע מאַניפעסטאַציעס, צו וועלכע ס׳פלעגן בדרך־כלל קומען פון פיר ביז פינף טויזנט אַרבעטער און מער אויך, זיינען מיר אויך ווייטער געווען אַנגעוויזן אויף מאסנלאָקאַלן, אַזעלכע ווי „וואַנדערלאַנד״ און פּאַוויליאָן־טעאַטער. פאַר אונדזערע וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען און געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענקומען איז פאַר אונדז געווען גאַנץ גענוג אונדזער פּרעכטיקער זאַל. אויך די רעגלמעסיקע מיטגלידער־פאַרזאַמלונגען פון די פאַרשיידענע גרופּן פון אונדזער פעדעראַציע זיינען אַלע פאָרגעקומען אין אונדזער קלוב. אַ סך אַרבעטער פאַריינען, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע לאָקאַלן, און די ברענטשעס פונעם פרייען אַרבעטער־רינג, אַן אינסטיטוציע פאַר קעגנזייטיקער הילף אין פאַלן פון קראַנקייט א. ד. גל., וועלכע איז געווען אַ קאָפּיע פונעם אַרבעטער־רינג אין אמעריקע, ביי וועמעס גרינדונג א סך פון אונדזערע חברים האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל, פלעגן אָפט דינגען דעם קלוב פאַר זייערע אונטערנעמונגען, פּונקט ווי די פאַרטיי פון די רוסישע סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן, וועלכע איז מיט אונדז שטענדיק געשטאַנען אין גוטע באַציונגען. אונדזערע ענגלישע חברים האָבן באַנוצט דעם קלוב יעדן זונטיק אינדערפרי פאַר זייערע פאַרזאַמלונגען און ס׳פלעגן געבן רעפעראַטן אַזעלכע באַקאַנטע רעדנער ווי דזשאָן טוירנער, טעד לעגאַט, פראַנק קיץ און אַנדערע.

חוץ די רעגלמעסיקע פאַרזאַמלונגען און געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען זיינען אין אונדזער קלוב איינגעפירט געוואָרן שטענדיקע קורסן, וועלכע זיינען מעגלעך נאָר אין אַן אייגענער היים. אונדזער אַלטער פריינט י. ליפשיץ האָט פאַר די יונגע חברים געגעבן א קורס פון דער ענגלישער שפּראַך. קראָפּאָטקינס אַן אַלטער פריינט, אונדזער רוסישער חבר פראָקאָפּיעוו, אַן אויסגעצייכנטער מעכאַניקער און דערפינדער, האָט געגעבן לעקציעס וועגן פיזיק מיט דער הילף פון פּראַקטישע עקספּערימענטן. איך אַליין האָב געגעבן לעקציעס וועגן געשיכטע און סאָציאָלאָגיע און איך פלעג גאַנץ אָפט, אין די זונטיקדיקע פרימאָרגנס, נעמען מיינע תלמידים אין די פאַרשידענע אָפּטיילן פונעם בריטישן מוזיי, וועמעס אומאויסשעפּלעכע זאַמלונגען האָבן אַזאַ גרויסן שייכות מיטן לימוד פון געשיכטע. די פאַרוואַלטונג פונעם מוזיי פלעגט ביי אַזעלכע געלעגנהייטן זיין גאָר שטאַרק פריינטלעך צו אונדז און געבן אַלע פאַרלייכטערונגען, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט האָבן פאַר אונדזערע צוועקן.

ס׳איז אין קלוב אויך איינגעפירט געוואָרן א שול פאַר רעדנער, וועלכע פלעגט ספּעציעל שטאַרק באַזוכט ווערן פון די יינגערע חברים. מיר האָבן דאָרט די לעקציעס איינגעטיילט אַזוי, אַז אין איין אָוונט פלעגט געווי און גרינטלעך באַהאַנדלט ווערן אַ באַשטימטע טעאָרעטישע פראַגע און אויף דעם סמך איז אַרומגערעדט געוואָרן דער פּראַקטישער צונויפשטעל פון אַ רעפעראַט אויף דערזעלביקער טעמע. נאָכדעם

האָט מען עמעצן פון די תּלמידים פאַרגעבן די אַרבעט, אין לויף פון דער וואָך, אַליין, זעלבסטשטענדיק, צו באַאַרבעטן די געלערנטע לעקציע און דעם רעזולטאַט פאָר־לייגן ביים קומענדיקן צונויפקום אין אַ האַלבע־שעהדיקן רעפעראַט. נאָכדעם זיינען געקומען די געוויינלעכע פראַגעס, אויף וועלכע דער רעדנער פונעם אָוונט האָט גע־דאַרפט ענטפערן אַזוי גוט ווי ער האָט געקאָנט. צום סוף איז געקומען אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג פון דער טעמע לויט שפּראַך און אינהאַלט. ס'זיינען אָנגעוויזן געוואָרן אויף איינגעזעענע חסרונות און אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיינונגען און עצות, ווי אַזוי די ווירקונג קאָן פאַרבעסערט אָדער פאַרגרעסערט ווערן. ס'איז דערביי שטענדיק געלייגט געוואָרן דער גרעסטער ווערט אויף דעם צו באַוועגן און דערמוטיקן די תּלמידים צום זעלבסטשטענדיקן דענקען, און גאָר באַזונדערס צו ברענגען אַנדערע ביישפּילן ווי די, וועלכע דער לערער האָט געברענגט פאַר דער אויפקלערונג פון אַ באַשטימטער פראַגע, ביישפּילן, וועלכע האָבן דעם תּלמיד צום בעסטן געהאָלפן באַ־נעמען און אַסימילירן גייסטיק דאָס אויסגעלערנטע און עס פּראַקטיש צו באַנוצן. אַזאַ מין לימוד איז טאַקע קיינמאָל נישט אימשטאַנד צו אַנטוויקלען גרויסאַרטיקע רעדנער, וואָרן איינגעבוירענער טאַלענט ווערט נישט באַשאַפן אַפילו דורך דער בעסטער שול, אָבער ער קאָן גאָר א סך צוהעלפן, אַז יונגע, אַרבעטווילּיקע מענטשן, וועלכע נעמען ערנסט זייער זאַך און זיינען נישט קאַרג אויף קיין מי און אָנשטרענג, זאָלן זיין אימשטאַנד זיך אויסצובילדן, אַרויסצוברענגען קלאָר און לויט א סדר זייערע געדאַנקען, אַ זאַך, וואָס פאַלט־אויס, סוף־כּל־סוף, יעדן איינעם לטובה. אונדזער שול האָט טאַקע געקאָנט אָנווייזן אויף אַ געוויסן דערפאָלג און א היפּשע צאָל יינגע־רע חברים, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט באַטייליקט אין דער באַוועגונג אין ענגלאַנד און דערנאָך אין אַמעריקע, האָבן אין יענעם קרייז באַקומען דעם ערשטן שטויס אָנצוהייבן זייער עפנטלעכע מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע.

און צום סוף דאַרף נאָך דאָ דערמאָנט ווערן די זונטיק־שול פאַר אונדזערע קינדער, פאַר וועמעס אַנטוויקלונג ס'האָבן געהאַט ספּעציעלע פאַרדינסטן אונדזער ענגלישער חבר דזשים דיק, זיין שפּעטערדיקע פרוי נעלי פלאַשאַנסקי און מיין עלטערער זון רודאָלף. דזשים דיק, וועלכער איז נאָך פראַנסיסקאָ פערערס טויט געפאָרן צוזאַמען מיט לאָרענסאָ פּאָרטעס, דעם דורכפירער פון דער צוואה פונעם גרויסן שפּאַנישן דערציער, קיין באַרסעלאָנאַ, וווּ ער האָט זיך פּערזענלעך באַקאַנט מיט פערערס לעבנסווערק, דער „עסקועלא מאָדערנא", איז שפּעטער צוזאַמען מיט זיין פרוי במשך פון אַ סך יאָרן געווען א לערער אין דער „פערער־שול" אין סטעלטאָן און אין אַנדערע ענלעכע דערציונגס־אַנשטאַלטן אוןביידע פירן נאָך היינט אָן אַ ליבנסווערטיקע טעטיקייט פאַר דער פרייער דערציונג פון דער יוגנט אין אַן אייגע־נער קינדערהיים אין לייקווּד, ניו יאָרק.

אויף דעם אופן איז אונדזער קלוב געוואָרן דער גייסטיקער צענטער פון אַ פּרוכפּעריקער און אַרומנעמענדיקער קולטורעלער טעטיקייט, וועלכע האָט פאַר די יידישע אַרבעטער אין ענגלאַנד געטאָן גוטע אַרבעט און זיך דערוואָרבן אַן אומ־אָפּפרעגבאַרן פאַרדינסט ביים העלפן אויפהייבן זייער גייסטיקן ניוואָ. א סך פון

יענער יגון־ואַנחהדיקער און מיט שווערע קרבנות דורכגעפירטע אַרבעט איז שוין היינט כימעט פאַרגעסן געוואָרן. אָבער פונדעסטוועגן וועט יענע פּאַזע פון דער באַוועגונג שטענדיק פאַרבלייבן ווי איינע פון די בעסטע טראַדיציעס פון אַ פאַרגאַנגענער צייט, וועלכע קיין שום פאַלשע פּניות וועלן נישט קאָנען פאַרקלענערן.

נעבן דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג איז דעמאָלסט נישט געווען אין איסטענד פון לאָנדאָן קיין שום אַנדערע באַוועגונג, וועלכע זאָל זיך סיי לויט דער צאָל פון אירע אָנהענגער און נאָך וויניקער לויט איר אייפעריקייט אין דער אַקטיוויטעט אויף די פאַרשידנסטע געביטן אפילו בלויז בערך קאָנען פאַרגלייכן מיט איר. דער ציוניזם האָט אין יענער צייט בלויז געהאַט איינצלנע אָנהענגער און ער האָט אין דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג פון יענער צייט אין לאָנדאָן כימעט נישט געהאַט קיין שום אָפּקלאַנג. די איינציקע ריכטונג, וועלכע האָט יאָ אַנטוויקלט אַ געוויסע טעטיקייט חוץ די אַנאַרכיסטן, זיינען געווען די סאָציאַלדעמאָקראַטן. אָבער די צאָל פון זייערע אָנהענגער און גאָר באַזונדערס די גייסטיקע כוחות, מיט וועלכע זיי האָבן געקאָנט רעכענען, זיינען געווען אַזוי קליין, אַז זיי זיינען נישט געווען אימשטאַנד צו האָבן אויף די יידישע אַרבעטער אין לאַנד קיין איינפלוס, וואָס זאָל ווערט זיין דערמאָנט צו ווערן. די יידישע סאָציאַלדעמאָקראַטן אין לאָנדאָן האָבן געמאַכט כסדרדיקע פּרוּוון אַרויסצוגעבן צייטונגען פון זייער ריכטונג, אָבער זיי האָבן זיך אַלע נאָך אַ קורצער צייט געמוזט אָפּשטעלן, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין גענעריקן פאַרשפּרייט. די בעסטע צייט פאַר דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּראָפּאַגאַנדע איז געווען צווישן 1904 און 1908. צווישן דער גרויסער צאָל אימיגראַנטן, וועלכע זיינען אין יענע יאָרן אָנגעקומען פון רוסלאַנד קיין ענגלאַנד, האָט זיך אויך געפונען אַ גרויסע צאָל מיטגלידער פונעם „יידישן אַרבעטער־בונד". זיי איז עס בעיקר געווען צו פאַרדאַנקען, וואָס ס'האָט אין יאָר 1904 אָנגעהויבן אַרויסגיין אין לאָנדאָן דאָס וואָכנבלאַט „די נייע צייט", וועלכע האָט, מיט אָפּטע איבעררייסן, אויסגעהאַלטן ביז 1908, אָבער נאָכדעם לגמרי אַראָפּ פון דער סצענע. אַ סך פון די געוועזענע בונדיסטן, וועלכע זיינען נאָך אין רוסלאַנד און פּוילן געווען אַקטיוו אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער באַוועגונג, האָבן זיך אין ענגלאַנד נאָך אַ קורצער צייט אָנגעשלאָסן צו די אַנאַרכיסטן, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך דאָרט באַקענט מיטן סאָציאַליזם פון אַן אַנדער זייט און זיי זיינען דורכן שטאַרקן און פילזייטיקן איינפלוס פון אונדזער באַוועגונג געשטעלט געוואָרן פאַר אַ קריטישן ניסיון בנוגע די אידעען, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט פון רוסלאַנד.

די הויפּטפירער פון די סאָציאַלדעמאָקראַטן זיינען דעמאָלסט געווען אַ. בעק, י. פין, שאול עלשטיין פון לידז, צו וועמען ס'האָט זיך שפּעטער צוגעשטעלט מאָריס מייער. חוץ דעם פלעגט די באַוועגונג אָפּט אונטערגעשטיצט ווערן ביי עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען מיצד באַקאַנטע ענגלישע רעדנער פון דער־זעלביקער ריכטונג. דאָס אַרויסגעבן „די נייע צייט" האָט נישט געבראַכט קיין שום שאָדן דעם „אַרבייטער־פריינד"; אַדרבא, איר שטאַרקע און אָפּט נישט זייער געלונגענע אָנפאַלן קעגן די אַנאַרכיסטן, וועלכע פלעגן זיך איבערחזרן אין יעדן נומער כימעט, האָבן אונדז

געגעבן די בעסטע גלעגנהייט פאַר מינדלעכע און שריפטלעכע דיסקוסיעס מיט די דעמאָלסטיקע פאַרטרעטער פונעם מאַרקסיזם אין איסט־ענד, וועלכעס איז אויסגע־פאַלן שטאַרק לטובת אונדזערע אידעען.

דער רעדאַקטאָר פון „די נייע צייט״ איז פון אָנהויב געווען א. בעק, אַ רוסישער מאַרקסיסט, נישט קיין ייד, פונקט ווי איך, וועלכער האָט זיך ערשט שפּעטער אויס־געלערנט די יידישע שפּראַך. אזוי האָבן מיר געהאַט דעם מערקווירדיקן ספּעקטאַקל, אַזביידע באַקאַנטע וואָרטפירער פון דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג פון ביידע ריכטונגען זיינען געווען פון נישט־יידישן אָפּשטאַם. מיט בעקן האָב איך זיך נאָך געהאַט באַקענט אין פּאַריז, ווו איך האָב מיט אים געפירט נישט איין לעבהאַפטיקן וויכוח ביי די וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען פון די יידישע אַרבעטער אין „קאַפע טרעזאַר״. אָבער אונדזערע פּערזענלעכע באַציונגען זיינען צוליב דעם נישט גע־שטערט געוואָרן. בעק איז געווען אַ שטייפער פאַרשטייער פונעם אַזויגערופענעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם״ און געהאַט, ווי די רוב מאַרקסיסטן פון יענער צייט, אַ געוויסע איינרעדעניש פון אומפעלבאַרקייט; ער האָט זיך באַמת אַלע אַנדערע סאָציאַ־ליסטישע ריכטונגען אָפּצופּאַטערן מיט אַן איינגערעדטער העכערקייט, אויף וועלכער ער האָט זיכער נישט געהאַט קיין רעכט. פּערזענלעך אָבער איז ער געווען א זייער חשובער מענטש, געטריי איבערגעגעבן צו זיינע איבערצייגונגען און פאַר זיי גענומען אויף זיך אַלערליי קרבנות. ער איז נישט געווען קיין גוטער רעדנער, מחמת ער האָט נישט געהאַט די פעיקייט אַרויסצוברענגען זיינע געדאַנקען אין א לאָגישן סדר און זיי מאַכן פאַרשטענדלעך פאַר זיינע צוהערער. ס׳האָט אים אויך געפעלט די פליסיקייט פון דער שפּראַך, וועלכע גיט ערשט דעם מינדלעכן פאָרטראַג דעם ריכטיקן טעם. ער איז אויך נישט געווען קיין גאָר פלינקער זשורנאַליסט, ווען אַפילו בדרך כלל זיינען זיינע אַרטיקלען בעסער געווען ווי זיינע רעדעס. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס אים האָט געפעלט הומאָר. ער האָט דאָס מיסתמא אליין אויך געפילט, וואָס צוליב דעם האָט ער אָפטמאָל געפּרווווט צו זיין וויציק, אָבער קעגן זיין ווילן זיינען פון דעם אַרויסגעקומען גאַנץ גראָטעסקע סצענעס. אזוי האָט ער איינמאָל גע־שריבן אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט געפּרווווט באַווייזן, אַז די אַנאַרכיסטן זיינען אומשעפערישע בעלי־החלומות, וועלכע האָבן נישט קיין שום פאַרשטענדעניש פאַר דער פּראַקטישערווירקלעכקייט. ביכדי דאָס צו באַקרעפטיקן, האָט ער דערציילט זיינע לייענער, אַז ער האָט געקענט אַ פּראָנצויזישן אַנאַרכיסט, וועלכער האָט דאָס גאַנצע לעבן זיינס שטודירט כינעזיש און איז דערנאָך אָפּגעפּאָרן קיין פּעקין, ביכדי די איינוווינער פון דער צענטראַלער אימפּעריע צו לערנען די תורה וועגן פרייען רעכט צו געניסן. וואָרשיינלעך האָט ער דאָס געהאַלטן פאַר א גוטן וויץ. איך האָב אים געענטפערט אין אַ שפּאַטישן נאָטיץ אינעם „אַרבייטער־פריינד״, אַז איך האָב זיך איינמאָל באַגעגנט מיט א סאָציאַלדעמאָקראַטישן עסקימאָס, וועלכער האָט זיך אויסגעבויט אַן עראָפּלאַן אויפן שטייגער פון האנס פּפאַל, און ער איז דערמיט געפלויגן צו דער לבנה, ביכדי די דאָרטיקע איינוווינער באַקאַנט צו מאַכן מיט דער טעאָריע וועגן דער קאָנצענטראַציע פונעם קאַפּיטל. דאָס איז מיר יעדנפאַלס נישט

ווייל באַקומען, ווייל דער טייערער בעק האָט געגומען מיין פשוט־אומשעדלעכע און גאָרנישט מיינענדיק באַמערקונג ווי אַ מאָטיוו פאַר אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט דערציילט זיינע צוהערער מיט אַ וויכטיקער מינע, אַז אויף דער לבנה איז נישטאָ נישט קיין לופט און נישט קיין וואסער און במילא קאָן קיין שום באַשעפעניש דאָרט נישט לעבן. דאָס איז געווען מיין באַשערונג, פון וועלכער איך האָב זיך געפילט שטאַרק דערשלאָגן, נאָכדעם ווי ס'איז אויף אַזאַ שאַרפן אופן באוויזן געוואָרן מיין אומוויסנהייט און איך בין אַזוי אומברחמנותדיק אַרויסגעשטעלט געוואָרן צו לייטיש געלעכטער.

בעק איז געשטאַנען בערך זעכצן חדשים בראש פון „די נייע צייט“, און ער האָט זיך שטאַרק באַמיט צו דערהאַלטן די צייטונג ביים לעבן און צו באַקומען פאַר זיין פאַרטיי אַ בעסערן איינפלוס. אָבער נאָכדעם ווי ער האָט זיך שוין אַליין מער נישט געקאָנט אָפּנאַרן און נישט געקאָנט פאַרהוילן די אומפּרוכפּעריקייט פון זיינע באַמיונגען, איז ער צוריקגעפאָרן קיין פאַריז. מיט אַ צייט שפּעטער איז ער אָפּגע־פאָרן מיט אַ פאַלשן פּאַספּאָרט קיין רוסלאַנד, וווּ ער איז שפּעטער אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. מ'האָט פון דעמאָלסט אָן מער נישט געהערט פון אים און אויב די קלאַנגען, וועלכע זיינען דעמאָלסט אַרומגעגאַנגען וועגן אים, זיינען געווען אמת, האָט ער זיין לעבן געענדיקט אין פאַרשיקונג. מיט אים איז בלי שום ספק אומגעקומען אַ טיף־ערלעכער און אויפריכטיקער מענטש.

זיין נאָכקומער אין דער צייטונג איז געווען מאָריס מייער. מייער האָט אפילו נישט געהאט די טעאָרעטישע קענטענישן פון זיין פאָרגייער, אָבער ער איז געווען אַ פיל בעסערער זשורנאַליסט און אויך אַ פלינקערער רעדנער ווי בעק. דערפאַר אָבער האָט אים געפעלט דאָס, וואָס אַפילו דער ביטערסטער קעגנער האָט נישט געקאָנט אָפּפרעגן ביי בעקן, און דאָס איז: כאַראַקטער. ער האָט געביטן זיינע איבער־צייגונגען, אויב מ'קאָן ביי אים איבערהויפּט רעדן וועגן אַזאַ מין זאַך, ווי אַ ריינער מענטש בייט זיינע העמדער און ער האָט אין משך פון זעקס יאָר באַלאַנגט צו אַלע פאָליטישע ריכטונגען, וועלכע זיינען דעמאָלסט געווען באַקאַנט אויף איסט־ענד. מייער האָט געשטאַמט פון רומעניע און איך האָב זיך געשטעלט מיט אים אין שריפט־לעכער פאַרבינדונג באַלד נאָכדעם ווי איך האָב אין יאָר 1898 איבערגענומען די רעדאַקציע פון „אַרבייטער־פריינד“. ער האָט נאָך דעמאָלסט געוווינט אין בוקארעסט און זיך געדרייט אינעם קרייז פון די רומענישע חברים, וועלכע האָבן צו יענער צייט אַרויסגעגעבן די אויסגעצייכנטע חודש־שריפט „רעוויסטאַ אידעיל“, פאַר וועלכער מייער האָט איבערגעזעצט איניקע פון מיינע אַרטיקלען פון „אַרבייטער־פריינד“ אין רומעניש. ער איז אין יאָר 1902 געקומען קיין לאָנדאָן און איז פון די חברים האַרציק אויפגענומען געוואָרן. איך האָב נאָך דעמאָלסט געוווינט אין לידז און האָב זיך מיט אים באקענט פערזענלעך ערשט נאָך מיין אומקערן זיך קיין לאָנדאָן. ווען מיר האָבן אין 1903 ווידער אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד“, האָט ער זיך באַ־טייליקט ווי אַ מיטאַרבעטער און געשריבן הויפּטזעכלעך אַרטיקלען קעגן ציוניזם,

וועלכן ער האָט שאַרף באַקעמפט. ער האָט אויך הויפיק געהאלטן רעפעראַטן און גענומען אַ לעבעדיקן אַנטייל אין אונדזער באַוועגונג.

אין יענער צייט האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מוסאָיו, דעם דעמאָלסטיקן רעדאַקטאָר פון „רעוויסטאַ אידעיל" אין בוקאַרעסט, אין וועלכן ס'איז וועגן מייערן דווקא נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן קיין גוטע מיינונג, און ס'איז אים געמאַכט געוואָרן דער פאָרוואורף, אַז ער האָט ליב צו קוקן, ווהין דער ווינט בלאָזט... מיט אַ קורצער צייט פאַר דעם איז געקומען קיין לאָנדאָן מוסאָיוס אַ פריינט, דער חבר קאָנסטאַנ־טינעסקו, וועלכער האָט אויך נישט געהאַט צו זאָגן קיין גוטס אויף מייערן. אָבער ער איז דעמאָלסט נאָך געווען אַ יונגער מענטש, און הגם דאָס, וואָס מ'האָט וועגן אים געזאָגט, איז נישט געווען לטובת זיין כאַראַקטער, אָבער ס'איז אים אויך גאָר־נישט פאָרגעוואָרפן געוואָרן, וואָס זאָל אונדז געווען קאָנען באַוועגן איבערצורייסן מיט אים די באַציונגען. האָב איך דעם גאַנצן עינין געהאַלטן ביי און פאַר זיך און נישט געמאַכט קיין ווען דערפון, וואָרן ס'איז נישט געווען מיין טבע צו צעברעכן מיין שטעקן איבער יונגע מענטשן, וועלכע האָבן אפשר ערגעץ געמאַכט אַ קליינעם טעות, וועלכן זיי וועלן שוין שפּעטער קאָנען פאַרריכטן.

אָבער איך האָב זיך באַלד געקאָנט איבערצייגן, אַז מוסאָיו האָט געגעבן אַ בפירוש ריכטיקע אָפּשאַצונג וועגן מייערן. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און דער אַרבעטזאַמער בחור איז געוואָרן אַ מיטגליד אין דער גרופּע „פרייהייט", מיט וועלכער ער האָט נאָך פון פריער געהאַט אָנגעקניפּט שטילע באַציונגען, מיט דער השערה, אַז מ'וועט אים איבערגעבן די רעדאַקציע פון דער „פרייהייט". ס'איז טאַקע אַזוי געשען און ער האָט זיך עס געמאַכט פאַר אַ פּרנסה צו באַשמוצן דיזעלביקע מענטשן, מיט וועלכע ער האָט נאָך ביז מיט איניקע וואָכן צוריק געאַרבעט צוזאַמען און וועלכע האָבן אים קיינמאָל נישט געגעבן קיין פּערזענלעכן מאָטיוו פאַר זיינע אָנפאַלן. אָבער די שיינקייט האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן, ווייל גאָר אינגיכן איז אַנט־שטאַנען אַ מחלוקה צווישן אים און באַראָנען און ער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער גרופּע.

נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי אַרום אויסגעשפּילט זיין ראָל ביי די אַנאַרכיסטן, האָט ער פּלוצים אַנטדעקט זיין סאָציאַלדעמאָקראַטיש האַרץ און ער האָט זיך מיט דער גאַנצער אייפעריקייט אַריינגעוואָרפן אין אָט־דער באַוועגונג, וועלכע ער האָט ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק נאָך שאַרף באַקעמפט. אַזוי ווי ס'האָבן ביי די יידישע סאָציאַלדעמאָקראַטן אין לאָנדאָן תמיד געפעלט כוחות, איז מייער גאָר אינגיכן גע־וואָרן דער טאָנגעבער פון דער באַוועגונג און נאָך בעקס אָפּפאָרן, איז ער געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון „די נייע צייט". אָבער נישט געקוקט אויף זיין פעיקייט פּאָליטיש זיך צו איבעראַנדערשן, האָט אויך ער נישט געקאָנט אויפהאַלטן ביים לעבן דאָס בלאַט, וועלכעס האָט אין 1908 געמוזט אויפגעבן זיין עקזיסטענץ.

ווי נאָר „די נייע צייט" האָט אויפגעהערט אַרויסגיין, האָט זיך מייער אָפּגע־שאָקלט פונעם מאַרקסיזם, פאַר וועלכן ער האָט מער נישט געקאָנט האָבן קיין פאַר־ווענדונג, אים אַריינגעוואָרפן אין מיסטקאַסטן און זיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניס־

טישער אַרבעטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון. אָבער מיט דער פּועלי־ציון האָט מען דע־מאָלט אין לאָנדאָן נישט געקאָנט אויפטאָן קיין סך און נאָכדעם ווי מייער האָט זיך אַ געוויסע צייט אומזיסט באַמיט צו געפינען אָנהענגער, האָט ער זיך גענומען דערנענטערן צו די אָרטאָדאָקסישע ציוניסטן, וועלכע האָבן נישט געהאט קיין שום שייכות מיטן סאָציאַליזם. שפּעטער איז ער געוואָרן רעדאקטאָר פונעם „יידישן זשורנאַל", אַ בירגערלעך־סענסאציאָנאַליסטיש בלאַט. אַזוי אַרום האָט ער לסוף אויס־געפונען זיין אמתע פּראָפעסיע, פאַרנומען דעם פּלאַץ ווו ער האָט באַלאַנגט.

ס'איז זיכער נישט קיין חרפּה, ווען אַ מענטש גיט־אויף אַן אַלטן שטאַנדפּונקט און גייט־איבער צו אַ נייער אידעאָלאָגיע. ביי אויפריכטיקע און כאַראַקטערפעסטע מענטשן אָבער קומט אַזאַ בייט פאַר פּאַמעלעך, בהדרגהדיק און איז פאַרבונדן מיט גרויסע אינערלעכע ראַנגלענישן, וועלכע מערקן זיך אויף אַזויפיל טיפער, אויף וויפל טיפער די אינערלעכע איבערצייגונג איז פאַרוואָרצלט אינעם כאַראַקטער פון־נעם מענטשן. אָבער דאָרט, ווו אַ בייט פון אידעען קומט־פאָר אַזוי אַפּט און מיט אַזאַ שפּילנדיקער לייכטקייט ווי אין דעם פאַל, דאָרט קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן איבערצייגונג און נאָך ווייניקער וועגן כאַראַקטער.

איך וויל דאָ אָבער אויסדריקלעך אונטערשטרייכן, אַז די סאָציאַלדעמאָקראַ־טישע יידישע אַרבעטערפּאַרטיי פון איסט־ענד טאָר בשום אופן נישט אָפּגעשאַצט ווערן לויט דער כאַמאַליאָנאַרטיקער אַנטוויקלונגספעיקייט פון איר געוועזענעם פּי־רער. דער רוב פון זיי איז געווען ערלעכע מענטשן, געטרייע צו זייער איבערצייגונג, וועלכע האָבן געדינט זייער אידעאַל מיט אינערלעכער אויפריכטיקייט. דאָסזעלביקע איז אויך חל אויפן רוב פון זייערע דעמאָלסטיקע גייסטיקע פירער. מיר האָבן מיט אייניקע פון זיי, אַזעלכע ווי א. בעק, י. פּ־ן, שאָול עלשטיין — ביכדי דאָ צו דער־מאָנען בלויז די באַקאַנטסטע — געפירט נישט איין האַרטן און שווערן געפעכט, און בעת מעשה זיינען פון ביידע צדדים די ווערטער נישט געוווינגן און געמאָסטן גע־וואָרן, אָבער די קעגנזייטיקע מענטשלעכע אכטונג האָבן מיר זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. די גאַנצע באַוועגונג פון יענער צייט האָט געהאַט אַ שטריך פון אינער־לעכער ריינקייט און אויפריכטיקער אידעאָלאָגישער שטאַרקייט, וועלכע האָט אינס־טינקטיוו דערקאָנט דאָס אומגעזונטע. דעריבער איז אַ פאַרשוין ווי מאָריס מייער, ביי וועלכן מ'האָט קיינמאָל נישט געוווסט, וועלכע אידעע ער וועט פאַרטרעטן צו־מאָרגנס, געווען בלויז אַן איינצלנע דערשיינונג, פאַר וועלכער קיין שום באַזונדערע ריכטונג קאָן נישט געמאַכט ווערן פאַראַנטוואָרטלעך. ער איז טאַקע מיט דער צייט פון קיינעם נישט באַטראַכט געוואָרן ערנסט און ער איז באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַ מענטש, וועלכער האָט גענאַשט פון אַלע טעפּ, אָבער באַקומען נישט קיין האָניק, נאָר שפּראָצן פון אינערלעכער צעפּאַלנקייט. אַפילו געטעס וואָרט: „די פּאָליטיק פאַרדאַרבט דעם כאַראַקטער", האָט פאַר אים נישט געקאָנט אָנגעווענדט ווערן, מחמת דווקא דאָס, כאַראַקטער, איז עס געווען, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט.

# די גרינדונג פונעם אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל

אין אויגוסט 1907 איז אין אַמסטערדאַם פאָרגעקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס פון די אַנאַרכיסטן. דעם אוממיטלבאַרן מאָטיוו צו דעם האָט געגעבן אַ באַשלוס, וועלכן די האָלענדישע פעדעראַציע פון די פרייהייטלעכע קאָמוניסטן האָט איינשטימיק אָנגענומען ביי איר יערלעכן צוזאַמענפאָר אין אוטרעכט אין סעפּטעמבער 1906. די האָלענדישע חברים האָבן זיך נאָכדעם געווענדט מיט א ספּעציעלן צירקולאַר צו די אַנאַרכיסטישע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשידענע לענדער, ביכדי פון זיי געוויר צו ווערן זייער מיינונג. נאָכדעם ווי די חברים פון בעלגיע, דייטשלאַנד, בעמען און ענגלאַנד האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַזאַ קאָנגרעס, האָבן זיך די האָלענדער פאַרנומען מיט אַלע נייטיקע צוגרייטונגען פאַר זיין צוזאַמענרופונג. אין דעצעמבער 1906 איז אַרויס אַ מאַניפעסט אין זיבן פאַרשידענע לשונות צו די חברים פון אַלע לענדער, אין וועלכן ס׳איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן די נייטיקייט פון אַזאַ אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענקום. ער איז געווען אונטערגעשריבן פון י. י. לודאָוויק פאַר די האָלענדישע, פון ג. טאָנאַר פאַר די בעלגישע, פון פּ. פראָובעזע פאַר די דייטשע, פון ק. וואָריזעק און ל. קנאָטעק פאַר די בעמישע און פון א. שאַפּיראָ פאַר דער פעדעראַציע פון די יידיש־שפּרעכנדיקע אַנאַרכיסטן אין ענגלאַנד.

שוין לאַנג ווי ס׳איז נישט געהאט פאָרגעקומען קיין אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענפאָר פון אַנאַרכיסטן. די אַנאַרכיסטישע דעלעגאַטן, וועלכע זיינען אין יאָר 1893 אין ציריך און אין 1895 אין לאָנדאָן אויסגעשלאָסן געוואָרן פונעם אַלגעמיינעם סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, זיינען זיך אַפילו יאָ צונויפגעקומען אויף קורצע זיצונגען, וועלכע מ׳האָט אָבער נישט געקאָנט באַצייכענען ווי קאָנגרעסן, און זיי זיינען אויך נישט באַטראַכט געוואָרן ווי אַזעלכע. דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־קאָנגרעס, וועלכן די פראַנצויזישע חברים האָבן פאַררופן אויף סעפּטעמבער 1900 קיין פּאַריז, איז קורץ פאַרן צונויפקום פאַרווערט געוואָרן מיצד דער רעגירונג פון פּרעמיער וואַלדעק רוסאָ. זינט דעמאָלסט האָט מען נישט געמאַכט קיין שום פּרווו אין אָט־דעם פּרט, ביז דער עיניין איז אין 1906 פונדאָסניי געוואָרן אַקטועל דורכן באַשלוס פון דער האָלענדישער פעדעראַציע.

די נויטיקייט פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענקום איז נישט געווען אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. די שטאַרקע אַנטוויקלונג פון דער סינדיקאַליסטישער אַרבעטערבאַוועגונג אין די לאַטיינישע לענדער, אין וועלכע אונדזערע חברים האָבן

געקומען אַזאַ אָנגעזעענעם אָנטייל, דער שווערער קריזיס פונעם פּאַרלאַמענטאַריזם אין כימעט אַלע אייראָפּעישע לענדער, די גרויסע אַלגעמיינע שטרייק־באַוועגונגען אין האָלאַנד, פראַנקרייך, שפּאַניע און רוסלאַנד האָבן ביי דער אַרבעטערשאַפט אַרויס־גערופן אַ נייעם גייסט, פון וועלכן אַפילו די פּאַרלאַמענטארישע אַרבעטערפּאַרטייען האָבן זיך נישט געקאָנט אויסהיטן.

צוזאַמען מיט אַט־דעם אויפלעב פון דער אייראָפּעישער אַרבעטערבאַוועגונג איז אַנטשטאַנען אַ גאַנצע שורה נייע סאָציאַלע פּראָבלעמען, וועגן וועלכע מ׳האָט אינעם רוב לענדער שוין כימעט נישט גערעדט זינט די צייטן פונעם ערשטן אינטערנאַ־ציאָנאַל. באַזונדערס אין פראַנקרייך, ווו דער רעוואָלוציאָנערער סינדיקאַליזם אין דער „קאָנפעדעראַסיאָן זשענעראַל די טראַוואַיל״ האָט באַקומען אַזאַ קרעפטיקן און האָפענונגספולן אויסדרוק, האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ נייער סאָציאַלער באַנעם, וועל־כער האָט אָנגעשטעלט דעם שווערגעוויכט פון דער אַרבעטערבאַוועגונג אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אין זיי געזען דעם אָרגאַניזאַטארישן פונדאַמענט פון אַ קומענדיקער געזעלשאַפט, געבויט אויף קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט און געגלייכטער פאַרמיילונג פון די אויסגעאַרבעטע פּראָדוקטן. אַט־דער קוק איז געווען געווענדט נישט בלויז קעגן אַלע שאַטירונגען פונעם אַזויגערופענעם שטאַטסקאַפּיטאַליזם, ניי־ערט אויך קעגן דעם גאַנצן ביוראָקראַטישן רעדערגעווערק פון דער צענטראַלער מלוכה, וועלכן מ׳דאַרף פאַרבייטן דורך אַ פעדעראַציע פון זעלבסטשטענדיקע געמיינדעס אויפן יסוד פון פרייע אָפּמאַכן. דערדאָזיקער באַנעם האָט געהאַט אַ גרויסע ענלעכקייט מיט די שטרעבונגען פונעם לינקן פליגל פונעם ערשטן אינטער־נאַציאָנאַל, וועלכע זיינען די אַרבעטער אין די גערמאַנישע לענדער קיינמאָל נישט געווען באַקאַנט און וועלכע זיינען, צוליבן אויפקום פון די מאָדערנע אַרבעטערפּאַר־טייען, אויך אַפילו פאַרגעסן געוואָרן אין פראַנקרייך, דער שווייץ, בעלגיע און איטאַ־ליע. נאָר אין שפּאַניע, ווו די מאַרקסיסטישע אידעאָלאָגיע האָט זיך קיינמאָל נישט אָנגעגעבומען ווי ס׳געהער צו זיין, זיינען די טראַד ציעס פונעם ערשטן אינטערנאַ־ציאָנאַל אויפגעהאַלטן געוואָרן זייער לעבעדיק אינעם פאָלק, נישט געקוקט אויף אַלע רדיפות, און געווען דער פונדאַמענט פון דער אַרבעטערבאַוועגונג.

צוליב אַט־דער סיבה איז דער פראַנצויזישער סינדיקאַליזם דעמאָלסט פון אַ גרויסן טייל פון אונדז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ נייער אויסגאַנגספונקט פון דער אַרבעטערבאַוועגונג, און דער שטאַרקער מיינונגס־אויסטויש אין דער אַנאַרכיסטי־שער פּרעסע פון יענער צייט באַווייזט, ווי ערנסט מ׳האָט זיך דעמאָלט אין אונדזערע רייען פאַרנומען מיט די נייע פּראָבלעמען און געזוכט צו באַקומען קלאָרקייט וועגן זיי. די צייט פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס איז דעריבער געווען גוט צוגע־פּאַסט, ווען אַפילו מיר האָבן זיך געמעגט ריכטן אויף אַ סך שטערונגען, וועלכע וועלן מאַכן אוממעגלעך פאַר דער באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט צו האָבן אַ פול־שטענדיקע פאַרטרעטונג. אַזוי, למשל, האָבן מיר נישט געקאָנט דערוואַרטן קיין פאַרטרעטער פון שפּאַניע, ווו די באַוועגונג איז געווען שטאַרקער ווי ערגעץ אַנדערש־ווו, מחמת צוליב מאַטעאָ מאָראַלס אַטענטאַט אויפן קעניג, אין מאַי 1906, האָט

דאָרט געהערשט אַ גוואלטיקע רעאַקציע און אלע תפיסות זיינען געווען פול מיט אַרעסטירטע.*)

אַזעלכע פאַלן זיינען אין יענער צערודערטער צייט געווען כימעט אומפארמייד־לעך. דעריבער האָבן די אַראַנזשירער פונעם קאָנגרעס געגלייבט, אַז ס'האָט נישט קיין זין צו וואַרטן נאָך לענגער מיטן צונויפרופן דעם קאָנגרעס. די פאַרטרעטער־שאַפט איז טאַקע געווען פיל בעסער ווי דער רוב האָט דערוואַרט. בסך־הכל זיינען געקומען פון 65 ביז 70 דעלעגאַטן. די האָלענדער זיינען נאַטירלעך געווען פאַר־טראַטן צום שטאַרקסטן, וואָרן דער קאָנגרעס איז דאָך פאָרגעקומען ביי זיי אין לאַנד. צווישן זייערע דעלעגאַטן זיינען געווען אַזעלכע באַקאַנטע חברים ווי דאָמעלאָ ניווענהויז, ק. קאָרנעליסען, ג. רינדערס, שערמערהארן, רינסדאָרפּ און אייניקע אַנדערע. פון דייטשלאַנד זיינען געקומען רודאָלף לאַנגע, זעפּ ערטער, דר. ר. פריי־דעבערג, פּ. פראובעזע און אייניקע אַנדערע. צווישן די פראַנצויזישע דעלעגאַטן האָבן פיגורירט פּ. מאָנאַט, ר. דע מאַרמאַנד און דער באַקאַנטער פירער פון די מינען־אַרבעטער אין צפון־פראַנקרייך ב. ברושי, וועמעס נאָמען ס'איז דעמאָלסט, צוליב דער גרויסער שטרייק־באַוועגונג, שטאַרק דערמאָנט געוואָרן. איטאַליע איז געווען פאַרטראַטן דורך ע. מאלאַטעסטאַ, ס. קאַריאַ און לואידזשי פאַברי. צווישן די בעלגישע דעלעגאַטן האָט מען געזען ג. טאָנאַר, ע. שאַפּעליער, ה. פוס און ס. ראַבאָו. פון ענגלאַנד זיינען געווען אַנוועזנדיק ט. קיל, פון דער גרופּע „פרידאָם“ און ק. וואלטער, פון דער גרופּע „וואָיטש אָוו לייבאָר“. צו זיי איז צוגעקומען זיגפריד נאַכט, זשאַן ווילקעט און אַ. שרייבער, ווי פאַרטרעטער פונעם „קאָמוניסטישן אַרבייטער בילדונגספאַריין“ אין לאָנדאָן, און אַ. שאַפּירא און ר. ראָקער, ווי דעלעגאַטן פון דער „פעדעראַציע פון יידישע אַנאַרכיסטן“. חוץ דעם זיינען נאָך געקומען פון ענגלאַנד ר. גראָסמאַן (פּיער ראַמוס), דער אַרויסגעבער פון „פרייע גענעראַציאָן“, צ. פריי־געריאַ, ש. לינדער און אייניקע אַנדערע. די בעמישע אַנאַרכיסטישע פעדעראַציע האָט איבערגעגעבן איר פאַרשטייערשאַפט צו די חברים ק. וואַרזעק און ל. קנאָטעק. די רוסישע באַוועגונג איז געווען פאַרטראָטן דורך די חברים ג. באָגדאַיעוו און וו. זאַבערעניעוו. פוילן — דורך דער חברטע זשעלינסקי; סערביע — דורך פּ. מוניטש און בולגאַריע — דורך ס. וועלעף. אַ. דיבואַ האָט פאַרטראָטן די חברים פון דער פראַנ־צויזישער שווייץ. עמאַ גאָלדמאַן און מאקס באגינסקי זיינען געקומען ווי פאַרטרע־טער פון דער באוועגונג פון די פאַריייניקטע שטאַטן און דער חבר צעקקאַרעלי פון רוים איז באַשטימט געוואָרן פון די חברים אין אַרגענטינע ווי זייער פאַרטרעטער.

דער קאָנגרעס, פאַר וועלכן עס זיינען פאָרגעקומען צוויי גרויסע עפנטלעכע אַקטן, האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען פון 26סטן ביזן 31סטן אויגוסט אינעם שיינעם זאַל פון פּלאַנציוס, קערקלאַן 61, וועלכער איז געווען שיין אויסגעפוצט פון די האָלענדישע חברים. דער סדר־היום איז געווען אַ זייער גרויסער און געהאַט

*) אייניקע אָרגאַניזאַציעס פון שפּאַניע האָבן איבערגעגעבן זייער פאַרשטייערשאַפט טאַרידאַ דעל מאַרמאָל, וועלכער האָט דעמאָלסט געוווינט אין לאָנדאָן, אָבער צוליב אַ קראַנקייט האָט ער נישט געקאָנט קומען צום קאָנגרעס.

אַ היפּשע שורה וויכטיקע פּונקטן צום דיסקוטירן, אָבער ער איז פון אָנהייב אָן געווען אַזוי איבערגעלאָדנט, אַז די דעלעגאַטן האָבן איינשטימיק באַשלאָסן צו באַ־האַנדלען קודם־כל די עיקרדיקע פּראָבלעמען און דעם רעשט איבערלאָזן אויף צום סוף, אויף וויפל עס וועט זיין צייט פאַר דעם.

קאָנגרעסן אין אַלגעמיין, און איבערהויפּט אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, ווו ס׳ווערט צוליב די בייטיקע איבערזעצונגען אין פאַרשידענע שפּראַכן סיי־ווי פאַר־לוירן אַ סך טייערע צייט, זיינען זיכער נישט דאָס ריכטיקע אָרט, ווו טיפערע פּראָ־בלעמען קאָנען גרינטלעך באַהאַנדלט ווערן; און וואָס גרעסער עס איז די צאָל פון די דעלעגאַטן, אַלץ גרעסער זיינען די שוועריקייטן, וועלכע קומען־אויף. דער שווערגעוויכט פון אַזעלכע צוזאַמענקונפטן איז זייער דעמאָנסטראַטיווער באַדייט לגבי דרויסן און אַ געוויסע איינהייטלעכקייט אין דער שטעלונג צו פראַגן, וועלכע האָבן אַן אַלגעמיינעם באַטייט פאַר דער באַוועגונג אין די פאַרשידענע לענדער. אַ ספּעצ־ציעלע וויכטיקייט דערביי האָט די פּערזענלעכע באַקאַנטשאַפט פון די חברים פון פאַרשידענע לענדער צווישן זיך. אַזעלכע פּערזענלעכע שמועסן זיינען אומאָפּשאַצ־באַר, מחמת מ׳באַקומט דורכדעם וויכטיקע ידיעות וועגן דעם אמתן צושטאַנד פון דער באַוועגונג און געוויסע וויכטיקע אָנרעגונגען, וועלכע קאָנען גוט אויסגענוצט און פאַרווענדט ווערן. אָבער פאַר דער גרינטלעכער באַהאַנדלונג פון וויכטיקע טעאָ־רעטישע און פּאַרטייאישע פּראָבלעמען איז די פּרעסע און די דיסקוסיע אין קלע־נערע קרייזן פיל ווירקזאַמער ווי די באַהאַנדלונג אויף די קאָנגרעסן, ווו די אַלגע־מיינע דיסקוסיע מוז באַשרענקט ווערן אויפן נייטיקסטן, ביכדי צו קאָנען אויס־קומען מיט דער צייט. דער אַמסטערדאַמער קאָנגרעס איז אויך נישט געווען קיין אויסנאַם פון אָט־דעם אַלגעמיינעם כלל.

נאָכדעם ווי מען האָט ביי די ערשטע דריי זיצונגען אויסגעהערט די באַריכטן וועגן צושטאַנד פון דער באַוועגונג אין די פאַרשידענע לענדער, איז מען תיכף איבערגעגאַנגען צו די וויכטיקסטע פּונקטן פון דער טאָגאָרדענונג, וועלכע האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער גרינדונג פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ, וועלכעס זאָל דינען ווי אַ פאַרמיטלונגס־אָרגאַן, ביכדי צו דערמעגלעכן אַן ענגערע פאַר־בינדונג צווישן דער באַוועגונג אין די פאַרשידענע לענדער. דערביי האָט נאַטיר־לעך געשפּילט די וויכטיקסטע ראָל די פראַגע וועגן דער פאָרעם פון אַזאַ צונויפ־בונד. אַז אַן אינטערנאַציאָנאַלער צונויפבונד קאָן געדייען און האָבן האַפט נאָר אויפן יסוד פונעם פעדעראַליזם, וועגן דעם איז די גרויסע מערהייט פון די דעלעגאַטן געווען פולשטענדיק אייניק צווישן זיך. עס זיינען אָבער אויך געווען געוויסע טענדענצן, ספּעציעל אין האָלאַנד, פראַנקרייך און אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכע האָבן געקוקט מיט אַ געוויסן אומצוטרוי אויף יעדן מין פאַראייניקונג, וועלכע איז אַוועק ווייטער ווי די שאַפונג פון קליינע אידעאָלאָגישע גרופּן.

פאַר באַקונינס אָנהענגער און פאַר די אָנהענגער פונעם פרייהייטלעכן פליגל פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן אַזעלכע פּראָבלעמען לגמרי נישט עק־זיסטירט. ווי בפירושע פעדעראַליסטן האָבן זיי באַקעמפט די צענטראַליסטיש־

אַפּוטרופּסישע כוונות פונעם לאַנדאַנער גענעראַלראַט, כוונות, וועלכע האָבן סוף־כּל־סוף דערפירט צו דער שפּאַלטונג פונעם אינטערנאַציאָנאַל, אָבער זיי האָבן תמיד אָנערקענט די נויטיקייט פון אַן אַרומנעמענדיקער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע אויפן יסוד פון זעלבסטשטענדיקע לאַנדפעדעראַציעס, וועלכע זאָלן זיין פאַרבינדן צווישן זיך דורך בשותּפותדיקע שטרעבונגען און אַרבעטן פאַרן זעלביקן ציל. ערשט נאָך דער מפּלה פון דער פּאַריזער קאָמונע און דער וואָקסנדיקער רעאַקציע אין די לאַטיינישע לענדער, ווען די עפנטלעכע פאַרשפּרייטונג פון דער פרייהייטלעכער באַוועגונג איז במשך פון יאָרן קינסטלעך אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך דראַקאָנישע אויסנאַמגעזעצן, האָט זיך דאָס בילד געענדערט. די אָנהענגער פון דער פרייהייטלעכער באַוועגונג, וועלכע האָבן אין יענע יאָרן געקאָנט פירן בלויז אַן אונטערערדישע עקזיסטענץ, וואָס דאָס האָט שוין פון זיך אַליין געמאַכט פאַר אוממעגלעך אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַ ברייטערן פאַרנעם, זיינען דורך די אומשטענדן געווען געצוווּנגען צונויפצונעמען זיך אין קלענערע גרופּעס, אויב זיי האָבן געוואָלט שטעלן וועלכן־ס׳איז ווידערשטאַנד דער זיגערישער רעאַקציע. דער־אַ צושטאַנד, וועלכער איז לכתחילה גורם געוואָרן בלויז דורך דרויסנדיקע אומשטענדן, איז אויך שפּעטער־צו מיצד געוויסע קרייזן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ נאָרמאַלע דערשיינונג, און די פּאָליטישע צענטראַליזאַציע פון דער מאָדערנער אַרבעטער־באַוועגונג האָט נאָך היפּשלעך צוגעהאָלפן צו פאַרשטאַרקן דעם ווידערווילן קעגן די גרעסערע אָרגאַניזאַציעס.

דער־אַ צוגאַנג האָט אויך אויפן אַמסטערדאַמער קאָנגרעס געהאַט געוויסע אָנהענגער, ווען אפילו די גרויסע מערהייט פון די דעלעגירטע האָט געהאַט אַן אַנדערע מיינונג. דער עקסטרעמער אינדיווידואַליזם האָט געהאַט אַ גאָר־באַזונדערס שטאַרקן פאַרטיידיקער אינעם האָלענדער ה. קראַיסעט, וועלכער האָט געזען אַ סכּנה אין יעדער פּערמאַנענט־עקזיסטירנדיקער אָרגאַניזאַציע, וועלכע מוז סוף־כּל־סוף דערפירן איבערצונעמען די אַפּוטרופּסות פונעם יחיד און צו דער איינצאַמונג פון זיין פרייהייט. יעדע אָרגאַניזאַציע, האָט קראַיסעט געטענהט, איז אין בעסטן פאַל בלויז אַ נויטווענדיקע צרה. זי וואָלט געמעגט געשאַפן ווערן בלויז ביכדי דורכצופירן געוויסע קאָנקרעטע פאָדערונגען, און זיך תיכף אויפלייזן, נאָכדעם ווי זי האָט דערפילט איר צוועק, פאַר וועלכן זי איז געשאַפן געוואָרן, ווייל דער מענטש איז נישט באַשאַפן געוואָרן פאַר דער געזעלשאַפט, נאָר די געזעלשאַפט פאַרן מענטשן. מ׳טאָר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז דער עיקר פון דער פרייהייט, פון יעדן מין פרייהייט, דאַרף געזוכט ווערן אין דער אינדיווידואַליטעט פונעם יחיד, וועלכער איז די מאָס פון אַלע זאַכן. קראַיסעט האָט נאָך ספּעציעל אונטערגעשטראָכן, אַז שטירנערס באַנעם און קוק איז דער נאַטירלעכער פונדאַמענט פאַרן אַנאַרכיזם, ווייל דער עגאָיזם מוז באַטראַכט ווערן ווי די טרייבקראַפט פון אַלע מענטשלעכע מעשים, ווען אפילו אַ סך ווילן נישט איינגיין אויף דעם.

און ווען אפילו קראַיסעטס אינטערפּרעטאַציע איז בלויז געשטיצט געוואָרן פון אַ קלענער צאָל דעלעגאַטן, זיינען אָבער זיינע טענות געווען אַ מאָטיוו פאַר אַ

לאַנגער און זאַכלעכער דיסקוסיע, ביי וועלכער ס׳איז, לויט מיין מיינונג, פאַרשווענדט געוואָרן אַ סך ווערטפולע צייט, וואָרן אַ קאָנגרעס איז דער אומפּאַסיקסטער פּלאַץ, ווו אַזעלכע פראַגן קאָנען גרינטלעך אַרומגערעדט ווערן און ס׳זאָל דערפון אַרויסקומען וועלכער ס׳איז נוצן. צווישן דער גרויסער צאָל רעדנער, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין יענער דעבאַטע, האָבן ספּעציעל מאַלאַטעסטאַ און קאָרנעליסען אַרויסגעבראַכט אין קורצע ווערטער דעם תמצית, וואָס האָט געקאָנט געזאָגט ווערן אין היפּוך צו קראָפּאָטקינס טענות. מאַלאַטעסטאַ האָט דערקלערט, אַז דעם מענטשן איז מעגלעך זיך פאָרצושטעלן נאָר בתוך דער געזעלשאַפט און אַז דער יחיד שטעלט מיט זיך נישט פאָר קיין שום אָפּגעזונדערטן איינס פון דער געזעלשאַפט, נייערט ער מוז קודם־כל באַטראַכט ווערן ווי אַ געזעלשאַפטלעך באַשעפעניש, וועלכעס קאָן נאָר וואַקסן און געדייען אין דער קהילה. די געזעלשאַפט, אין וועלכער די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן די מענטשן באַנייען, פאַרוואַנדלען און ענדערן זיך יעדן טאָג אין טויזנט פאַרשידענע פאָרמען, איז דעריבער דאָס אורשפּרינגלעכע אויסזען פון יעדער נאַטירלעכער אָרגאַניזאַציע, וועלכעס דרינגט־אַרויס פון די געזעלשאַפטלעכע לעבנס־באַדינגונגען גופא און ווערט באַדינגט פונעם צוזאַמענלעבן פון די מענטשן. נישט די אָרגאַניזאַציע ווי אַזעלכע איז שעדלעך, נאָר געפערלעך איז די טויטע מעכאַניזאַציע, וועלכע איז אויסן אונטערצווואַרפן אַלע מענטשלעכע באַציאונגען אונטער איין סכעמע. דעריבער טאַקע האָבן די אַנאַרכיסטן תמיד באַקעמפט די פּאָליטישע און סאָציאַלע צענטראַליזאַציע פון דער מענטשלעכער אַקטיוויטעט און זיך תמיד אַרויסגעזאָגט פאַר אַ פעדעראַטיווער פאַרייניקונג פון זעלבסטשטענדיקע גרופּן מיט ענלעכע צילן. מאַלאַטעסטאַ האָט פאַרענדיקט זיינע רייד מיט אַ וואַרעמען רוף צו די חברים לטובת דער שאַפונג פון אַן אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער וועט נישט בלויז געבן די חברים פון אַלע לענדער די מעגלעכקייט בעסער באַקאַנט צו ווערן מיט דער באַוועגונג פון אַלע לענדער, נייערט ער וועט אויך זיין אימשטאַנד צו ברענגען אַ סך נוצן ווי אַן אָרגאַן פון בשותּפותּע מאַניפעסטאַציעס און פאַר די צוועקן פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט.

וואָס שייך קאָרנעליסען האָט ער אויך ריכטיק צוגעטראָפן צום פּונקט, ווען ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט לגבי קראָפּאָטקינס טענות, אַז די אַזוי שטאַרק אַרויסגעשטעלטע אינדיווידואַליטעט איז אפשר די שווערסטע פון אַלע פּראָבלעמען, מחמת ביז איצט איז אפילו דער גרעסטער פילאָזאָף נישט געוועזן אימשטאַנד צו דעפינירן, וועלכעס פון די גייסטיקע מאַניפעסטאַציעס פונעם יחיד איז באמת זיין אייגנס אָדער איז איבערגענומען געוואָרן פון דרויסן. אפילו קראָפּאָטקין איז מיסתמא נישט אימשטאַנד צו זאָגן, וואָס ס׳איז פון זיינע אויספירונגען טאַקע זיינס, אויסגעטראַכט פון אים אַליין, אָדער וואָס ער האָט גענומען ביי שטירנערן און אַנדערע.

נאָכדעם ווי די דעבאַטע וועגן דעם־אָ פּונקט איז לסוף פאַרענדיקט געוואָרן און ס׳איז אויך דערליידיקט געוואָרן די פראַגע וועגן דער פאָרעם און דער אויפגאַבע פון אַ נייעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, איז דער קאָנגרעס ביי אַ שפּעטערדיקער זיצונג איבערגעגאַנגען דערצו, צו שאַפן פון די אייגענע רייען אַן אינטער־

נאַציאָנאַלן ביוראָ, וועלכעס זאָל זיין דער פאַרבינד־אָרגאַן פונעם אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל. נאָך אַ לענגערער באַראַטונג איז מען געקומען צו אַ הסכם, דער־ווייל צו באַשטימען דעם זיצאָרט פונעם ביוראָ אין לאָנדאָן, ווייל אין ענגלאַנד איז פאַראַן וויניקער סיבות צו שרעקן זיך פאַר רעאַקציאָנערע געשעענישן, וועלכע וואָלטן געקאָנט שטערן זיין אַקטיוויטעט. חוץ דעם זיינען אין לאָנדאָן תמיד געווען חברים פון פאַרשידענע לענדער, וועלכע וואָלטן געקאָנט צוגעצויגן ווערן צו די באַראַטונגען פונעם ביוראָ, וואָס דאָס איז, נאַטירלעך, אַ גרויסע מעלה.

נאָכדעם ווי ס'איז אויך בנוגע דעם־אַ פונקט געקומען צו אַן איינשטימיקייט, איז די פאַרטרעטונג פון דעם ביוראָ איבערגעגעבן געוואָרן די חברים ערריקאָ מאַלאַטעסטאַ, אַלעקסאַנדער שאַפּירא, דזשאָן טוירנער, זשאַן ווילקעט און רודאָלף ראָקער. דעם ביוראָ איז פאַרגעבן געוואָרן אַרויסצולאָזן אַ חודשלעך קאָרעספּאָנ־דענץ־בלאַט, וועמעס אויסגאַבן זאָלן געדעקט ווערן פון דער פעדעראַציע פון די פאַרטראָטענע לענדער. דערדאָזיקער אָרגאַן דאַרף פאַרעפנטלעכן פאַרשידענע אַר־טיקלען, וועלכע זאָלן זיך פאַרנעמען מיט אַלע וויכטיקע פראַגן פון דער באַוועגונג, און ברענגען רעגלמעסיקע אינפאָרמאַציעס וועגן דער טעטיקייט פון די חברים אין אַלע לענדער, וועלכע זאָלן קאָנען באַנוצט ווערן פון דער אַנאַרכיסטישער פרע־סע. חוץ דעם איז דעם ביוראָ פאַרגעבן געוואָרן די שליחות צו גרינדן אַן אַרכיוו, וועלכער זאָל געשטעלט ווערן אין רשות פון די חברים פאַר פאַרשאַרבעטן. דער זיצאָרט פון דעם ביוראָ און דער אויסוואַל פון זיינע מיטגלידער זאָל איבערגעלאָזן ווערן פאַר דער אַנטשיידונג פון יעדן נייעם קאָנגרעס. דערמיט האָט דער קאָנגרעס געהאַט פאַרענדיקט די וויכטיקסטע אַרבעט זיינע און ער האָט זיך איצט געקאָנט פאַרנעמען מיט די אַנדערע פונקטן פון זיין טאָגאָרדענונג, אינוויווייט ס'ועט בלייבן צייט פאַר דעם.

דער קומענדיקער פונקט איז געווען אַ דיסקוסיע וועגן דער שטעלונג פון די אַנאַרכיסטן צום סינדיקאַליזם און צו דער פראַגע פונעם גענעראַלשטרייק ווי אַ טאַקטיש מיטל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. די אַריינפירנדיקע רעפעראַטן צו אַט־דעם פונקט האָבן געהאַט די חברים פּיער מאָנאַט און דזשאָן טוירנער,ביידע אָנגעזעענע אַקטיוויסטן אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, דער ערשטער אין פראַנקרייך און דער צווייטער אין ענגלאַנד. אַזוי ווי טוירנער, ווי דער פּרעזידענט פון זיין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, האָט צוליב אַ דרינגנדיקער קאָנפערענץ אין לעצטן מאָמענט צום באַדויערן נישט געקאָנט זיך פערזענלעך באַטייליקן אויף אונדזער קאָנגרעס, איז אויף מאָנאַטן אַליין אויסגעפאַלן די אויפגאַבע אַרויסצוזאָגן זיינע מיי־נונגען וועגן דעם־אַ פונקט. ער האָט דאָס געטאָן אין אַ לענגערן, גוט־דורכגעטראַכטן רעפעראַט, אין וועלכן ער האָט זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון פראַנקרייכס סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אָנגעוויזן, ווי אַזוי די פראַנצויזישע אַרבעטערשאַפט האָט לסוף, נאָך די אומענדלעכע שפּאַלטונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, באַוויזן צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, די „קאָנפעדעראַ־סיאָן זשענעראַל די טראַוואַיל", וועלכע מאַכט זי פעיק נישט בלויז מיטן אייגענעם

כוח צו קאָנען אויספֿועלן פֿאַר אירע מיטגלידער די נויטיקע פֿאַרבעסערונגען פֿון זייער לעבנסניוואָ, נייערט אויך אפֿילו אַריינצונעמען אין איר אויפֿגאַבע די צוגרייטונגען פֿאַר אַ סאָציאַליסטישער איבעראַנדערשונג פֿון דער געזעלשאַפֿט. אויף דעם אופֿן האָט זיך אַנטוויקלט אַ נייע זעלבסטשטענדיקע ריכטונג אינעם סאָציאַליזם, וועלכע פֿילט זיך לגמרי נישט געבונדן צו די פּאָליטישע פּראָגראַמען פֿון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, און קעגן דער לאָזונג מכוח דער דעראָבערונג פֿון דער פּאָליטישער מאַכט שטעלט זי אַרויס דעם פּאַראָל צו דעראָבערן דעם באָדן און די פֿאַבריקן מיצד די אַרבעטער, וואָרן אַן אמתע רעאָרגאַניזאַציע פֿונעם עקאָנאָמישן לעבן איז מעגלעך נאָר אויפֿן סמך פֿון אַן עקאָנאָמישער פֿאַרייניקונג פֿון די פּראָדוצירער. אָבער פֿון אַזאַ אָרגאַניזאַציע קומען שוין אַרויס פֿון זיך אַליין די רעוואָלוציאָנערע כוחות פֿאַר אַן איבעראַנדערשונג פֿון דער געזעלשאַפֿט, וועלכע קאָן שוין נישט דורכגעפֿירט ווערן מיט די פֿאַרעלטערטע מיטלען פֿון די באַריקאַדן־שלאַכטן פֿון די אַמאָליקע צייטן, נייערט קאָן דערגרייכט ווערן דורך דעם פֿאַרייניקטן עקאָנאָמישן כוח פֿון די פּראָדוצירער, דעם כוח, וועלכער געפֿינט דעם העכסטן אויסדרוק זיינעם אינעם גענעראַלשטרייק. מאַנאַט האָט דעריבער געהאַלטן, אַז די אַנאַרכיסטן דאַרפֿן דעם שווערפּונקט פֿון זייער אַקטיוויטעט קאָנצענטרירן אין די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, ביכדי פֿון דאָרט צו אַרבעטן פֿאַר דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון זייערע אידעען.

נאָך מאַנאַטס רעפֿעראַט איז געקומען אַ לעבעדיקע דעבאַטע, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט די דעלעגאַטן פֿון אַלע פֿאַרטראָטענע לענדער. כּימעט אַלע רעדנער האָבן דערקלערט זייער איינשטימיקייט בנוגע דער אַקטיוויטעט פֿון די חברים אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכעס איז דאָך שוין סיי־ווי געווען אַ פֿאַקט און שוין געקומען צום אויסדרוק אין אַלע לענדער. פֿונדעסטוועגן האָבן כּימעט אַלע באַטאָנט די נויטיקייט פֿון אַ זעלבסטשטענדיקער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, דערפֿאַר ווייל די אידעען פֿונעם אַנאַרכיזם זיינען דאָך נישט באַשרענקט אויף בלויז עקאָנאָמישע פֿראַגן. בעיקר איז עס געווען מאַלאַטעסטאַ, וועלכער האָט צום קלאָרסטן געבראַכט צום אויסדרוק אָט־דעם צוגאַנג: ער האָט אויסגעפֿירט, אַז דער אַנאַרכיזם איז נישט דער עיניין פֿון איין באַשטימטן קלאַס, נייערט אַ געזעלשאַפֿטלעכער קאָנצעפּט, וועלכער נעמט־אַרום אַלע געביטן פֿונעם לעבן. מ'וואָלט דעריבער קיינמאָל נישט געטאָרט פֿאַרגעסן, אַז חוץ עקאָנאָמישע פֿראַגן זיינען נאָך פֿאַראַן אַנדערע פּראָבלעמען, וועלכע קאָנען נישט אַרומגענומען ווערן אפֿילו פֿון דער רעוואָלוציאָנערסטער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג. דעריבער איז די לאָזונג, אַז דער סינדיקאַליזם אַליין איז גענוג אָן און פֿאַר זיך, נישט קיין צוטרעפֿלעכער, מחמת נישט אָרגאַניזאַציעס און נישט אידעען האָבן ווען עס איז געקאָנט אויסקומען גאַנץ אַליין, נייערט זיי זיינען כּסדר געווען געצווונגען צו מאַכן הלוואות ביי אַנדערע. ס'איז דעריבער אוממעגלעך דאָס אַריינגיסן זיך פֿונעם אַנאַרכיזם אינעם סינדיקאַליזם און ס'וואָלט קיין איינעם פֿון די ביידע ריכטונגען נישט געטאָן קיין טובה.

פֿון דעם־אַ קוקווינקל האָט מאַלאַטעסטאַ זיך אויך אַרויסגעזאָגט וועגן דעם ווערט

פונעם גענעראַלשטרייק. אוודאי איז דאָס אַן אויסגעצייכנטער קאַמפּסמיטל, כל־זמן אַזאַ באַוועגונג האָט די אַלגעמיינע סימפּאַטיע פון ברייטע פאָלקסמאַסן און שטעלט זיך ווי אַ ציל די דערגרייכונג פון אַ גענוי־באַשטימטן ציל. אָבער די מיינונג צו קאָנען פאַרבייטן די סאָציאַלע רעוואָלוציע דורכן גענעראַלשטרייק, איז אַ פּוסטע אוטאָפּיע, דערפאַר ווייל ביי אַ סאָציאַלן איבערקער האַנדלט זיך קודם־כל וועגן דעם, צו באַזאָרגן די אויפשטענדישע מאַסן מיט די נויטיקע לעבנסמיטלען. און אפילו ביים צושטאַנד פון דער היינטיקער אַנטוויקלטער פּראָדוקציע־טעכניק זיינען די פאַראַנענע זאַפּאַסן שטאַרק בדוחקדיקע און זיי מוזן כסדר אויסגעפולט ווערן דורך נייער אַרבעט. אַזוי האָט אים קראָפּאָטקין ערשט נישט לאַנג פאַרזיכערט, אַז גאַנץ ענגלאַנד האָט קוים אויף איין חודש לעבנסמיטלען און לאָנדאָן גופא — בלויז אויף דריי טעג. אַ לענגער דויערנדיקער אַלגעמיינער שטרייק וואָלט דעריבער געמוזט פירן צו דער אומפאַרמיידלעכער אויסהונגערונג פון דער באַפעלקערונג און דערמיט וואָלט ער שוין פאַרזיגלט דעם גורל פון יעדער רעוואָלוציע. דאָס ערשטע פּראָבלעם פון יעדער רעוואָלוציע איז דעריבער נישט דער אָפּשטעל פון דער פּראָדוקטיווער טעטיקייט, נייערט אַ העכערונג פון דער פּראָדוקציע, ווען מ׳וויל נישט געבן קיין שאַנס דער קאָנטראַרעוואָלוציע און נישט ברענגען אויף זיך אַ סאָציאַלע רעאַקציע מיט אַלע אירע שוידערלעכע פאָלגן. יעדער אַנאַרכיסט מיט אַביסל לאָגיק פאַרשטייט, ווי נויטיק ס׳זיינען די סינדיקאַטן, דעריבער האָבן מיר תמיד באַקעמפּט דעם איינפלוס פון די פּאָליטישע פּאַרטייען אויף דערדאָזיקער סינדיקאַלער באַוועגונג און גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין זייער אינערלעכער אַנטוויקלונג, ווייל זיי פאַרקערפּערן דעם אמתן מהות פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער מיר מוזן זיך היטן פון דאָגמאַטישע אינטערפּרעטאַציעס און גוזמאדיקע דערוואַרטונגען, וועלכע קאָנען לייכט דערפירן צו גרויסע אַנטוישונגען.

די דעלעגאַטן זיינען געווען מחולק צווישן זיך וועגן מאַנאַטס און מאַלאַטעסטאַס מיינונגען, אָבער אַלע האָבן אָנערקענט די נויטיקייט פון דער אַקטיוויטעט אין די סינדיקאַטן און זיי האָבן אַרויסגעוויזן דעם פראַנצויזיש׳ן סינדיקאַליזם, וועלכער האָט ערשט געהאַט געשאַפן אַן אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־באַוועגונג, זייער איינשטימיקע סימפּאַטיע. דידאָזיקע שטימונג האָט אויך באַקומען אַ קלאָרן אויסדרוק אין די רעזאָלוציעס פונעם קאָנגרעס וועגן דעם־אָ פּונקט.

צוליב זייער וויכטיקייט האָט די באַהאַנדלונג פון די ערשטע דריי פּונקטן פונעם סדר־היום פאַרנומען כימעט די גאַנצע צייט פונעם קאָנגרעס, אַזוי אַז אַ גאַנצע שורה אַנדערע פראַגן האָט איבערהויפּט נישט געקאָנט אַרומגערעדט ווערן און זיי האָבן געמוזט אָפּגעפּאַרטיקט ווערן מיט קורצע רעזאָלוציעס. דער קאָנגרעס האָט נאָך, חוץ דעם, געהאַט אַ סך אינטערעסאַנטע אינצידענטן און דערמוטיקנדיקע עפּיזאָדן, וועגן וועלכע מ׳קאָן זיך לייכט אינפאָרמירן אינעם קאָנגרעס־באַריכט. איך בין דאָ בלויז אויסן געווען אונטערצושטרייכן זיינע וויכטיקסטע אויפטוען.

אויפן איינשטימיקן פאַרלאַנג פון אַלע חברים האָבן גערעדט מאַלאַטעסטאַ ביים סוף פון דער לעצטער זיצונג, געזאָגט עטלעכע קורצע געזעגענונגס־ווערטער, אין

װעלכע ער האָט פאָרמולירט די פּראַקטישע רעזולטאַטן פונעם קאָנגרעס, געדאַנקט די האָלענדישע חברים פאַר דער אַרויסגעוויזענער גאַסטפריינטלעכקייט און אויפגעפאָדערט די חברים אויסצולייגן אַ וועג אין זייערע לענדער פאַרן נייעם אינטערנאַציאָנאַל. פון אַלע דעלעגאַטן ביים אַמסטערדאַמער קאָנגרעס איז מאַלאַטעסטאַ געווען דער איינציקער, וועלכער האָט נאָך באַלאַנגט צום ערשטן אינטערנאַציאָנאַל און געהאַט גענומען אַ גרויסן אַנטייל אין די קאַמפן פון יענער צייט. זיין נאָמען איז דעריבער געווען גוט באַקאַנט די חברים פון אַלע לענדער, און דער לויטערער כאַראַקטער פון דעמדאָזיקן זעלטענעם מענטש, זיין אומדערמידלעכע אַקטיוויטעט, וועלכע איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן ביז צום סוף פון זיין לעבן, און דער נאָבעלער און אומפּאַראינטערעסירטער אופן, מיט וועלכן ער האָט געדינט זיין אידעאַל, האָבן אַרויסגערופן דעם גוט־פאַרדינטן דרך־ארץ צו אים פון אַלע חברים. זיינע האַרציקע ווערטער זיינען טאַקע דערפאַר אויפגענומען געוואָרן מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג. אייניקע פראַנצויזישע חברים האָבן אָנגעהויבן זינגען דעם אינטערנאַציאָנאַל, וועלכן אַלע דעלעגאַטן און די גרויסע צאָל געסט ביים קאָנגרעס האָבן לעבהאַפט מיטגעזונגען. דעמזעלביקן אָוונט איז פאַרגעקומען אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג אינעם גרעסטן זאַל פון פלאַנציוס, מיט וועלכן דער אַמסטערדאַמער קאָנגרעס איז פאַרענדיקט געוואָרן.

די האָלענדישע צייטונגען האָבן יעדן טאָג געבראַכט גאַנץ גרויסע און אין אַלגעמיין גאַנץ אָנשטענדיקע באַריכטן וועגן די פאַרהאַנדלונגען ביים קאָנגרעס. אויך אַ היפּשע צאָל בורזשואַזע און סאָציאַליסטישע צייטונגען אין פראַנקרייך, בעלגיע, איטאַליע און אַנדערע לענדער האָט זיך פאַרנומען מיט אונדזערע זיצונגען. אָט־די עפנטלעכע באַריכטן זיינען אפשר געווען די הויפּט־סיבות דערפון, וואָס ס'איז אַ שווער־באַדראָטן חבר געראַטעוועט געוואָרן דאָס לעבן. מחמת דער קאָנגרעס האָט צווישן אַנדערע רעזאָלוציעס אויך אָנגענומען אַ באַשלוס, אין וועלכן ס'האָט זיך מיט ענערגישע ווערטער געפאָדערט די באַפרייונג פונעם חבר עדואַרד זשאַריס און איבערגעגעבן דעם נייעם אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ צו אַראַנזשירן אַן אַלגעמיינע פּראָטעסט־באַוועגונג.

זשאַריס איז געווען אַ בעלגישער אַנאַרכיסט, וועלכער איז אין 1906 פון אַ טערקישן געריכט פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט, אויף דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט זיך געזאָלט האָבן באַטייליקט אין אַ קאָנספּיראַציע פון אַרמענישע רעוואָלוציאָנערן קעגן לעבן פונעם סולטאַן אַבדול־האַמיד, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די שוידערלעכע מאַסן־שחיטות קעגן דער אַרמענישער באַפעלקערונג אין יאָר 1897. ס'איז קיינמאָל נישט קלאָר געוואָרן גענוי, פאַרוואָס מ'האָט זשאַריסן נישט אומגעבראַכט תיכף נאָכן אַרויסגעבן דעם מישפּט. צי ס'האָט דערביי געהאַט עפּעס צו זאָגן פּערזענלעכע אכזריות אָדער צי די טערקישע רעגירונג האָט מורא געהאַט אויפצובורויזן פונדאַסניי די אייראָפּעישע עפנטלעכע מיינונג דורך דעם אומברענגען אַן אויסלענדער, איז געבליבן אַ סוד. זשאַריס האָט איבער אַ יאָר צייט געשמאַכט אין אַ טערקישער תּפיסה, ווו ער האָט די גאַנצע צייט געלעבט אין שרעק

פאַרן אויספירן דעם מישפּט. איז געקומען דער קאָנגרעס און האָט די פראַגע באַנייס אַרויסגעבערענגט אין דער עפנטלעכקייט. אין נאָוועמבער און דעצעמבער 1903 זיינען אויף דער איניציאַטיוו פונעם לאָנדאָנער ביוראָ פאָרגעקומען גרויסע מאַניפעסטאַציעס כימעט אין אַלע לענדער, וועלכע האָבן געפאָדערט די באַפרייונג פונעם פאַרמישפּטן. פּלוצים איז זשאַריס דעם 25סטן דעצעמבער באַפרייט געוואָרן אויפן סולטאַנס באַפעל און, פאַרשטייט זיך, תיכף אַרויסגעשיקט געוואָרן פון טערקיי. ער האָט זיך באַלד אומגעקערט קיין בעלגיע און פון דאָרט תיכף צוגעשיקט אַ וואַרעמען דאַנק־בריוו צו אונדזער ביוראָ, אין וועלכן ער האָט דערקלערט, אַז סיי זיין לעבן און אוודאי זיין פרייהייט האָט ער צו פאַרדאַנקען דער אויפמערקזאַמקייט פונעם קאָנגרעס און די שפּעטערדיקע מאַסן־מאַניפעסטאַציעס.

ס׳איז באַקאַנט, אַז דער האַלב־משוגענער אַבדול־האַמיד האָט קיינמאָל נישט פאַרלאָזט זיין פּאַלאַץ און האָט געלעבט אין שטענדיקער מורא פאַר אַן אַטענטאַט קעגן אים. ס׳איז דעריבער זייער וואַרשיינלעך, אַז ער האָט נאָך מער מורא באַקומען, ווען ער האָט געהערט וועגן דער רעזאָלוציע פונעם קאָנגרעס און איז געוויר געוואָרן וועגן דער שפּעטערדיקער פּראָטעסט־באַוועגונג. דער פאַקט, וואָס אָט די מאַניפעסטאַציעס זיינען גראָד געקומען פון אַנאַרכיסטן, האָט מיסתמא אויפן פּחדנישן דעספּאָט געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק, מחמת ער האָט זיכער וועגן די אַנאַרכיסטן נישט געהאַט קיין שום אַנדערן באַגריף ווי נאָר דאָס, וואָס אים איז אפשר אויסגעקומען צו לייענען אין סענסאַציאָנאַליסטישע ראָמאַנען און אין איבּפאָרמאַציעס פון דער פּאָליציי. אָבער ס׳איז נישט וויכטיק, וועלכע ס׳זיינען געווען זיינע מאָטיוון, די הויפּטזאַך איז געווען, אַז ס׳איז אומגעקערט געוואָרן די פרייהייט אַ יונגן מענטש, איבער וועמעס לעבן ס׳האָט שוין געשוועבט דער שאָטן פון טויט. דאָס אַליין איז שוין געווען אַ דערפאָלג, וואָס האָט געלוינט די מי און האָט די חברים פון אַלע לענדער אָנגעפילט מיט סאַטיספאַקציע.

דער אַמסטערדאַמער קאָנגרעס האָט זיכער ביי אַלע באַטייליקטע איבערגעלאָזט דעם בעסטן איינדרוק. אין פאַרגלייך מיטן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס פון יענער צייט, ווו די אַרבעט פונעם פּאַרטיי־אַפּאַראַט האָט כימעט געדאַרפט פאַרבייטן יעדע אינערלעכע דערמוטיקונג, און יעדע אַנדערע ריכטונג איז באַקעמפט געוואָרן מיט אַ פאַנאַטישער אומטאָלעראַנץ, ווי דאָס איז געווען צו זען אין ציריך און אין לאָנדאָן, האָט אונדזער קאָנגרעס געמאַכט אַ באמת אָפּפרישנדיקן איינדרוק. די פאַרהאַנדלונגען זיינען געווען זאַכלעך און טאָלעראַנט און האָבן יעדן איינעם געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען זיין מיינונג. מ׳האָט געפילט, אַז דער סאָציאַליזם איז נישט קיין פּאָליטישע קירך מיט פעסט־באַשטימטע דאָגמעס, נייערט אַ באַוועגונג אין כסדרדיקער אַנטוויקלונג, וועלכע קאָן נישט אַוועקגעשטעלט ווערן אויף קיין שום פעסטע נאָרמעס.

אויך דער פּלאַץ איז געווען גוט אויסגעקליבן, וואָרן דאָס קליינע האָלאַנד האָט אין יענער צייט געהאַט אַ זייער געזונטע און לעבעדיקע פרייהייטלעכע באַוועגונג. די האָלענדישע פעדעראַציע פון פרייהייטלעכע קאָמוניסטן, וועלכע האָט געמאַכט

די ערשטע ווענדונג פאַרן צונויפרופן דעם קאָנגרעס, איז בלויז געווען דער קלענע־רער טייל פון דער אַלגעמיינער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג פונעם לאַנד. דער פיל גרעסערער טייל פון די חברים איז געווען אָרגאַניזירט אין אומאָפּהענגיקע גרופּעס, וועלכע פלעגן זיך צונויפנעמען צווישן זיך, אויב ס'איז געווען אַ באַדערפעניש פאַר דעם, פאַר געמיינזאַמע צוועקן, אָדער דורכפירן די אַרבעט אויפן אייגענעם שטייגער. אָט־די אַלגעמיינע באַוועגונג האָט חוץ דעם טעגלעך־אַרויסגייענדיקן „פּאָלקס־דאַגעבלאַד" נאָך געהאַט איבער בערך אַ צענדליק אַנדערע בלעטער, אַזוי אַז יעדע פּראָווינץ פונעם קליינעם לאַנד האָט געהאַט איר אייגענע אַנאַרכיסטישע צייטונג. דאָס וויכטיקסטע פון יענע בלעטער איז געווען דאָס, וועלכעס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דאָמעלאַ ניווענהויז, „ווריע סאָציאַליסט", וועלכעס איז דערשינען צוויי מאָל וועכנטלעך און געהערט צו די בעסטע בלעטער פון דער דעמאָלטיקער באַוועגונג. חוץ דעם האָט האָלאַנד געהאַט אַ פרייהייטלעכע ליטעראַטור, וועלכע האָט זיך געקאָנט פאַרגלייכן צו יעדן אַנדערן לאַנד סיי לויט איר פאַרשפּרייט און סיי לויט איר פאַרנעם. די סינדיקאַליסטישע באַוועגונג האָט געהאַט איר אויסדרוק אינעם „נאַציאָנאַלן אַרבעטסעקרעטאַריאַט", וועלכע איז דעמאָלט געשטאַנען אין ענגע באַ־ציונגען מיט די אַנאַרכיסטן און האָט אַרויסגעגעבן אַן אייגן וואָכנבלאַט: „דע אַר־בייד". צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער פאַרבאַנד פון די קריסטלעכע אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן ביי טאָלסטאָיס פּרינציפּן, און נאָך אַ באַזונדערע אָרגאַ־ניזאַציע, צו וועלכער ס'האָבן באַלאַנגט אַ סך אַנאַרכיסטן, וועלכע האָט זיך בעיקר אָפּגעגעבן מיט דער לייזונג פונעם פּראָבלעם פון דער ערד און אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן, „פּיאָנער". חוץ דעם איז האָלאַנד געווען דער זיצאָרט פונעם „אינטערנאַציאָנאַלן אַנטימיליטאַריסטישן ביוראָ", וועלכעס איז דעמאָלט געהאַט גע־גרינדעט געוואָרן פון דאָמעלאַ ניווענהויז און זיינע פריינט. דאָס קליינע האָלאַנד מיט זיינע אַלטע פרייהייטלעכע טראַדיציעס איז דעריבער געווען דער מעגלעך־בעסטער פּלאַץ, וועלכן מ'האָט געקאָנט געפינען אויף אָפּצוהאַלטן דעם קאָנגרעס.

פאַר מיר פערזענלעך געהערן די טעג אין אַמסטערדאַם צו די שענסטע דער־מאָנונגען, ווייל זיי האָבן מיר געגעבן די געלעגנהייט פונדאַסניי צו קאָנען באַגריסן אַ סך אַלטע פריינט, וועלכע איך האָב שוין זינט אַ סך יאָרן נישט געהאַט געזען. צו זיי האָבן ספּעציעל באַלאַנגט דאָמעלאַ ניווענהויז, רודאָלף לאַנגע, זעפּ ערטער, מאַקס באַגינסקי, עמא גאָלדמאַן און קריסטיאַן קאָרנעליסען. אָבער איך האָב אויך געשלאָסן אַ גאַנצע ריי נייע באַקאַנטשאַפטן, וועלכע זיינען ביי מיר געווען זייער אָנגעלייגט. דאָס זיינען געווען לואידזשי פאַברי, איינער פון די אינטעליגענטסטע קעפּ פונעם איטאַליענישן אַנאַרכיזם, וועלכער האָט ווייניק גערעדט, אָבער דערפאַר נאָכגעפאָלגט די פאַרהאַנדלונגען מיט אַ נאָך אַזוי שטאַרקערער אויפמערקזאַמקייט. דאָ זיינען געווען די פראַנצויזן ברושו, דינוא און מאָנאַט, דער שפּעטערדיקער רע־דאַקטאָר פון דער אויסגעצייכנטער צייטשריפט „לאַ ווי אוווריערע", און ר. דע מאַר־מאַנד, דער אינטעליגענטער מיטאַרבעטער פון דער „טאַן נואוואַ" אין פּאַריז. איך האָב זיך אויך דעמאָלט באַקענט פערזענלעך מיט די ווילע האָלענדישע חברים

שעמערהאָרן, רינדערס, רינדאָרפּ און איניקע אַנדערע; אויך זיך באַקענט מיטן אויסגעצייכנטן ד״ר ר. פרידעבערג פון בערלין, וועלכער האָט זיך מיט איניקע יאָר צוריק אומגעקערט מיטן רוקן צו דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע און איז ביסלעכווייז אַריבער צום אַנאַרכיזם. אָבער די גרעסטע איבערראַשונג האָב איך געהאַט, ווען איך האָב פּלוצים געהאַט פאַר זיך מיין אַלטן פריינט לאַמבער (העפּער), וועלכער האָט מיך אַמאָל אין בריסל (1891) אַרויסגעפירט אויפן וועג פונעם אַנאַרכיזם. זינט ער איז אין דייטשלאַנד פאַרמישפּט געוואָרן צו אַ שווערער שטראָף, האָב איך פון אים מער נישט געהערט און ס׳איז דעריבער געווען אויף אַזוי פיל שטאַרקער מיין פריי־דיקע איבעראַשונג אים אַזוי אומפאַרהאָפט ווידער צו באַגעגענען.

פרידעבערג, פאַברי, באַגינסקי און עמאַ גאָלדמאַן האָבן אונדז באַלד נאָכן קאָנגרעס געמאַכט אַ קורצן וויזיט אין לאָנדאָן. דערביי האָבן מיר געהאַט איניקע פריילעכע איבערלעבענישן מיט דער פּאָליטישער פּאָליציי. באַגינסקי און עמאַ האָבן זיך באַדאַרפט אומקערן קיין אַמעריקע אינוויזייט מעגלעך אומבאַמערקט, מחמת אויפן סמך פונעם באַרימטן געזעץ קעגן קרימינעלן אַנאַרכיזם האָט מען זיי לייכט געקאָנט אָפּזאָגן דאָס רעכט צוריק אַריינצופאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווען אפילו זיי האָבן שוין צענדליקער יאָרן דאָרטן געוווינט. אָבער אין לאָנדאָן איז די רויטע עמאַ כסדר איבערגעוואַכט געוואָרן פון אַגענטן פון סקאָטלאַנד יאַרד, וועלכע האָבן זי נישט אַראָפּגעלאָזט פונעם אויג אפילו אויף קיין איין מינוט.

אין אָוונט פאַר זייער אָפּפאָר זיינען עמאַ און מאַקס געקומען צו אונדז צו גאַסט, ביכדי זייערע לעצטע שעהן אין לאָנדאָן צו פאַרברענגען מיט אונדז. אָבער די שפּיאָנען האָבן זיך אויך דאָס מאָל געהאַלטן נאָענט הינטער זיי און זיי האָבן באַוואַכט אַלע אַרויסגענג פון דאַנסטאַן האַוס, ווו מיר האָבן דעמאָלט געוווינט. אַזוי ווי מ׳האָט פון דער גאַס געקאָנט גוט באַאָבאַכטן אונדזערע באַלויכטענע פענצטער, האָבן מיר קורץ נאָך האַלבער נאַכט פאַרלאָשן די ליכט, ביכדי די טייערע אָרדע־נונגסהיטער צו מאַכן גלייבן, אַז מאַקס און עמאַ בלייבן ביי אונדז איבערנעכטיקן. און מיר האָבן זיך נישט אָפּגענאַרט אין חשבון. ווען מילי איז מיט אַ צוויי שעה שפּעטער אַרויס אין גאַס, איז דאָרט קיינער נישט געווען. נאָך אַ האַרציקער געזעג־גענונג מיט אונדז, זיינען מאַקס און עמאַ תיכף אַוועק צו דער באַנסטאַנציע, ביכדי צו נעמען דעם ערשטן צוג קיין ליווערפּול. צומאָרגנס גאַנץ פרי זיינען שוין די שפּיאָנען ווידער געשטאַנען אויף זייער פּאָסטן נעבן אונדזער הויז, אָבער די פייגל זיינען שוין פון לאַנג געהאַט אָפּגעפלויגן, און בשעת די לייט פון סקאָטלאַנד יאַרד האָבן געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען באַנייס אויסצוגעפינען זייערע שפּורן, זיינען זיי שוין געווען אויף דער שיף, וועלכע האָט זיי געפירט קיין קאַנאַדע, פון וואַנען ס׳איז זיי מיט מזל געלונגען אומבאַמערקט זיך אַריינצובאַקומען קיין ניו־יאָרק.

דאָס אינטערנאַציאָנאַלע ביוראָ אין לאָנדאָן האָט תיכף נאָכן קאָנגרעס אָנגע־הויבן זיין אַקטיוויטעט, אָבער פון די פינף חברים, וועלכע זיינען אין אַמסטערדאַם פאַרטרויט געוואָרן מיט אָט־דער אַרבעט, האָבן נאָר דריי, מאַלאַטעסטאַ, שאַפּיראָ און איך, זיך רעגלמעסיק באַטייליקט ביי אַלע זיצונגען, בעת טוירנער און ווילקעט

פלעגן זיך באַווייזן נאָר זייער זעלטן. די וויכטיקסטע אַרבעט אונדזערע איז לכתחילה באַשטאַנען אין זוכן אָנצוקניפּן פּערמאַנענטע באַציִונגען אויך מיט די חברים פון יענע לענדער, וועלכע זיינען צוליב פאַרשידענע סיבות נישט געווען פאַרטראָטן אין אַמסטערדאַם. מיר פלעגן זיך געוויינלעך צונויפטרעפן יעדע וואָך אין אונדזער קלוב אין דזשובילי־סטריט, ווו ס'פלעגט איבערגעלייענט ווערן די אַריינגעקומענע קאָרעספּאָנדענץ און ס'זיינען אַרומגערעדט געוואָרן די אַריינגעקומענע אַלגעמיינע עיניָנים. דאָס ביוראָ איז נאַטירלעך נישט געווען קיין פאַרטייעקזעקוטיוו, נייערט בלויז אַ פאַרמיטלונגסאָרגאַן פאַר דער קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג, וועלכעס האָט אויפגענומען די ווונטשן און פאָרלייגן פון די חברים אין די פאַרשידענע לענדער און זיי איבערגעשיקט ווייטער.

די וויכטיקסטע טעכנישע אַרבעט פונעם ביוראָ איז דורכגעפירט געוואָרן פונעם חבר אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, וועלכער איז פון אונדז אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער קאָרעספּאָנדירנדיקער סעקרעטאַר, און ער אַליין האָט דערליידיקט דעם גרעסטן טייל פון די ענטפערס אויף די אָנגעקומענע בריוו. נאָר אין ספּעציעלע פאַלן פלעגט שרייבן מאַלאַטעסטאַ אין נאָמען פונעם ביוראָ צו די חברים פון איטאַליע, שפּאַניע און זידאַמעריקע, בעת איך ווידער פלעג ענטפערן אויף אַ גרויסן טייל פון דער קאָרעספּאָנדענץ פון די חברים פון דער אַנאַרכיסטישער פעדעראַציע אין דייטשלאַנד.

קיין בעסערן סעקרעטאַר ווי שאַפּיראָ האָבן מיר זיך זיכער נישט געקאָנט ווינטשן. ער איז געווען דער בן־זקונימל פונעם ביוראָ. בערך דרייסיק יאָר ייִנגער ווי מאַלאַטעסטאַ און צען יאָר ייִנגער פון מיר. סאָניאַ, ווי מיר פלעגן אים געוויינלעך רופן, איז געווען דער זון פון די רוסישע חברים מאָריס און נאַסטיאַ שאַפּיראָ, וועגן וועמען מיר האָבן שוין פריער גערעדט. ער איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד, איז אָבער געקומען גאָר יונגערהייט מיט זיינע עלטערן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, פון וואַנען זיי זיינען אָפּגעפאָרן קיין סאָפיע. ווען ער האָט דאָרט פאַרענדיקט זיינע ערשטע לימודים, האָט אים דער פאָטער געשיקט קיין פאַריז, ווו ער האָט שטודירט מעדיצין, איז אָבער, צום באַדויערן, געווען געצווונגען נאָך עטלעכע יאָר אויפצוגעבן דעם שטודיום, מחמת ס'האָבן אים געפעלט די ווייטערדיקע מיטלען צו קאָנען אָנגיין מיטן לערנען. איז ער דעמאָלט געקומען קיין לאָנדאָן, ווו ער האָט געלעבט ביז צום אויסברוך פון דער רוס. רעוואָלוציע, ווען ער איז אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד.

דער יונגער שאַפּיראָ איז געווען אַ זייער אינטעליגענטער מענטש, אויף וועמען מ'האָט זיך גאַנץ רואיק געקאָנט פאַרלאָזן. ער האָט געהאַט גוטע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן און גרויסע שפּראַכקענטענישן, וועלכע זיינען אים גוט צונוצגעקומען פאַר זיין אַרבעט אינעם ביוראָ. חוץ דעם איז נאָך צוגעקומען אַ ספּעציעלער אומשטאַנד: שאַפּיראָ איז כימעט אין משך פון דער גאַנצער צייט פון זיין אויפהאַלט אין לאָנדאָן געווען פּריוואַט־סעקרעטאַר ביים פּראָפעסאָר אַוגוסטוס דעסירע וואַללער, דעם דירעקטאָר פון דער פיזיאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע ביי דער לאָנדאָנער אוניווערזיטעט, אַ שטעלע, וועלכע ער האָט באַקומען דורך קראָפּאָטקינס פאַרמיטלונג, און ער האָט געהאַט פיל מער פרייע צייט ווי מאַלאַטעסטאַ און איך, וועלכע זיינען

שטענדיק געוואָרן פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. ער האָט טאַקע אין משך פון זיבן יאָר צייט געטאָן פאַר אונדזער ביוראָ דאָס בעסטע, וואָס ער איז געווען אימשטאַנד, און אָן יעדער מאַטעריעלער פאַרגיטיקונג, און דורכגעפירט זיין פריייוויליק־איבער־גענומענע פליכט ביז צום סוף.

פון יאַנואַר 1908 איז אין לאָנדאָן אַרויסגעגאַנגען דער „ביולעטין דע ל'אינ־טערנאַסיאָנאַל אַנאַרשיסט", ביכדי דורכצופירן די רעזאָלוציע, וואָס איז אונדז איבער־געגעבן געוואָרן פונעם אַמסטערדאַמער קאָנגרעס. דער ביולעטין איז לכתחילה אַרויס יעדן חודש אין דער פראַנצויזישער שפּראַך און אַנטהאַלטן בעיקר אָריגי־נעלע אינפאָרמאַציעס וועגן דעם צושטאַנד פון דער באַוועגונג אין פאַרשידענע לענדער און ביבליאָגראַפישע נאָטיצן וועגן נייע אויסגאַבן פון אונדזער ליטעראַטור. כימעט אין יעדן נומער איז אויך געווען אַן אַרטיקל, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט עפּעס אַ פראַגע, וועלכע איז געווען וויכטיק פאַר דער אַלגעמיינער באַוועגונג. אַרבעטן, וועלכע האָבן געהאַט אַן אינטערעס פאַר חברים פון באַשטימטע לענדער, פלעגן הויפּיק פאַרעפנטלעכט ווערן אין דער שפּראַך פונעם באַטרעפנדיקן לאַנד. דער רוב פון דידאָזיקע אַרטיקלען פלעגט געשריבן ווערן אַמאָל פון איינעם, אַמאָל פון אַ צווייטן מיטגליד פונעם ביוראָ, אָבער עס פלעגן אויך פאַר דעם צוועק צוגע־צויגן ווערן פון צייט צו צייט אַנדערע חברים. די באַריכטן, וועלכע זיינען פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אינעם „ביולעטין", פלעגן געוויינלעך איבערגעדרוקט ווערן אין דער גאַנצער אַנאַרכיסטישער פרעסע. נעבן „ביולעטין" פלעגט דאָס ביוראָ ביי וויכטיקע געלעגנהייטן אויך אַרויסגעבן אויפרופן פאַר בשותפותדיקע מאַני־פעסטאַציעס אָדער פאַר ממשותדיקער סאָלידאַריטעט, ווו אַזעלכעס איז געווען נייטיק.

דאָס ביוראָ האָט טאַקע באַוויזן אָנצוקניפּן באַציונגען מיט כימעט אַלע אייראָ־פּעישע לענדער, און אויך מיט כינע, יאַפּאַן, דרום־אַפריקע, וועלכע פלעגן אָבער גאַנץ אָפט איבערגעריסן ווערן צוליב דער רעאַקציע אין יענע לענדער אָדער צוליב אַנדערע סיבות און מ'האָט כסדר געמוזט אָנהייבן פונדאָסניי זיך מיט זיי צונויפצורעדן. ס'איז אָבער געווען אַ גוטער אָנהויב, וועלכער האָט זיך געהאַט צו ראַנגלען מיט פאַר־שידנמיניקע שוועריקייטן. און ווען אפילו די אַקטיוויטעט פונעם אינטערנאַציאָ־נאַלן ביוראָ איז אין אַלגעמיין נישט געווען אַזוי פּרוכפּעריק ווי מ'האָט געהאָפט, איז אָבער פונדעסטוועגן געטאָן געוואָרן אַלץ, וואָס ס'איז ביי די דעמאָלטיקע אומשטענדן געווען מעגלעך, און דערמיט איז אָפּגעטאָן געוואָרן אַ סך גוטע אַרבעט פאַר דער באַוועגונג. אַ נייער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס, וועלכער האָט געזאָלט פאַרקומען אין 1910, איז דורך די באַשלוסן פון די באַזונדערע לאַנדפעדעראַציעס צוויי מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן, ביז מ'האָט זיך לסוף געאייניקט דורכצופירן דעם קאָנגרעס אין אויגוסט 1914 אין לאָנדאָן. די ביוראָ האָט געהאַט געמאַכט אַלע נויטיקע צוגריי־טונגען און פאַרעפנטלעכט אינעם ביולעטין דעם סדר־היום פונעם קאָנגרעס. אָבער ס'איז געקומען די ערשטע וועלט־מילחמה, וועלכע האָט געמאַכט אַ סוף צו אַלע פּלענער. דערמיט איז אויך פאַרזיגלט געוואָרן דער גורל פונעם אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

## די באַוועגונג פון די ענגלישע אַנאַרכיסטן

ווען איך בין געקומען קיין לאָנדאָן, האָט אויך צווישן די ענגלישע חברים עקזיסטירט אַ זייער רירעוודיקע באַוועגונג. אין אַלע טיילן פון לאָנדאָן זיינען געווען אַקטיווע גרופּעס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער פּראָפּאַגאַנדע אין די גאַסן און פּאַרקן. אויך אין אַלע וויכטיקע שטעט פון דער פּראָווינץ זיינען געווען אַנאַר־כיסטישע גרופּן, וועלכע האָבן געטאָן דיזעלביקע און ענלעכע אַרבעטן. אָט־די פאַר־זאַמלונגען אונטערן פרייען הימל, וועלכע געהערן צו די כאַראַקטעריסטישע דער־שיינונגען פונעם עפנטלעכן לעבן אין ענגלאַנד און ווערן פּראַקטיצירט פון די אָנהענגער פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען, האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינ־דרוק, מחמת זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט עפּעס גאַנץ נייעס, וועלכעס איז דע־מאָלסט אויף דעם אופן מיסתמא נישט געווען באַקאַנט אין קיין שום אַנדער לאַנד פון אייראָפּע. אויפן פּרעמדן, וועלכער קומט צום ערשטן מאָל קיין לאָנדאָן, מאַכן דיזאָזיקע פאַרזאַמלונגען אין די פּאַרקן, עפנטלעכע פּלעצער און אין די ראָגן פון די גאַסן, אַ מאָדנעם איינדרוק און האָבן אַ געוויסן חן. אין די זונטיקן איז מיסתמא נישטאָ קיין איין רעליגיעזע סעקטע אָדער פּאָליטישע ריכטונג, וועלכע זאָלן נישט פאַרנעמען אַ פּאָזיציע אינעם גרויסן פּאַרק. און ווען אַפילו די רעדעס און דיסקוסיעס בלייבן נישט היגטערשטעליק אין באַצוג צו זייער שאַרפקייט לגבי אַנדערע לענדער, וויל דאָך אָבער יעדער איינער אַרויסווייזן אַ געוויסע טאָלעראַנץ לגבי דעם קעגנער, אַ זאַך, וועלכע איז אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט נישט אַזוי שטאַרק אָנגענומען. ס'איז אָן ספק, אַז די געוויינהייט פון אָט־די עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מענטשן פון אַלע ריכטונגען האָבן זיך פון זינט דורות צוגעוווינט פריי דורכצו־שמועסן, האָט צוגעטראָגן אַ היפּשן חלק דערצו, אַז ס'זאָל ביים ענגלישן פאָלק אַנטוויקלט ווערן דער גייסט פון קעגנזייטיקער טאָלעראַנץ און פון פעיר פּלעי, פאַר וועלכע מ'האָט דווקא אין מיין דייטשן היימלאַנד געהאַט אַזוי ווייניק פאַרשטענ־דעניש.

איינער פון די באַקאַנטסטע אַנאַרכיסטישע פּאַרק־ און מאַסנרעדנער פון יענער צייט איז געווען טעד לעגאַט, אַ שטאַרקער, ברייטפּלייציקער מענטש מיט קלוגע אָפּענע אויגן און אַן אומצעשטערבאַרן געזונטצושטאַנד. טעד לעגאַט איז געווען אַן אמת־דיק קינד פונעם פשוטן לאָנדאָנער פאָלק, וועמעס שפּראַך ער האָט גערעדט, אַזוי אַז ער איז אומעטום גערן אויסגעהערט געוואָרן און געקאָנט האַלטן געשפּאַנט די

גרעסטע פאַרזאַמלונג. ער האָט געהאַט אַ סך נאַטירלעכע אינטעליגענץ און געזונטן שכל און אַן אומאויסשעפּלעכן הומאָר, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט ספּעציעל אינעם אַרויסברענגען געלינגענע פאָלקסטימלעכע ווערטלעך, וועלכע האָבן זיך נישט תמיד צוגעפּאסט פאַרן זאַל, אָבער טאַקע דערפאַר זיינען זיי קיינמאָל נישט אַריבער אָן אַ גוטער ווירקונג. צו דעם האָט אים די נאַטור באַשאָנקען מיט אַ שטי־מע, וועלכע האָט געקאָנט אויפוועקן אַ טויטן פון זיין אייביקן שלאָף. לעגאַט האָט נישט געהאַלטן קיין רעפעראַטן אין אָט־דעם זין פונעם וואָרט, נייערט אין זיינע רעדעס זיך תמיד באַצויגן צו אַקטועלע געשעענישן פונעם טאָג, פון וועלכע ער האָט געשאַפן זיינע טעמעס. אַמאָל איז עס געווען אַ באַריכט פונעם פּאַרלאַמענט, אַ צווייט מאָל אַן עינין אין געריכט אָדער עפּעס אַן אַנדערע פּאַסירונג, מיט וועלכער דער דעת הקהל האָט זיך אינטערעסירט. ס׳האָבן אים דעריבער קיינמאָל נישט גע־פעלט קיין טעמעס, אויף וואָס זיך אָפּצושטעלן, און וועגן וועלכע ער האָט זיך גע־קאָנט אַרויסזאָגן און מאַכן איבער זיי אַ קריטישן אַנאַליז, ביכדי אַזוי אַרום זיך צע־פירן די הענט.

לעגאַט האָט זיך אויך נישט געקווענקלט דורכצופירן אין דער פּראַקטיק אַ סך פון זיינע עצות, וועלכע ער פלעגט געבן זיינע צוהערער. דאָס האָט אים נישט איינמאָל געשטעלט אין קאָנפליקט מיט דער פּאָליציי און די געריכטן. אַזוי איז ער עטלעכע מאָל פאַרהאַלטן געוואָרן, ווען ער איז בעת זיין אומקערן זיך פון דער אַרבעט געפאָרן אין דער ערשטער קלאַס. אין געריכט האָט טעד דערקלערט, אַז אַ מענטש, וועלכער האָט הינטער זיך אַ שווערן אַרבעטסטאָג, איז, לויט זיין מיינונג, מער באַרעכטיקט צו פאָרן אין ערשטן קלאַס ווי אַ רייכער ליידיקגייער, בלויז דערפאַר, ווייל ער האָט געלט. דאָס האָט אים, פאַרשטייט זיך, נישט באַשיצט קעגן דער שטראָף, אָבער די צייטונגען, וועלכע האָבן וועגן דעם געבערענגט לאַנגע אינפאָרמאַ־ציעס, האָבן נאָך מער צוגעהאָלפן, אַז לעגאַטס נאָמען זאָל נאָך מער באַקאַנט ווערן.

אַן אַנדערש מאָל איז ער געשטאַנען פאַרן געריכט אויף דער באַשולדיקונג דער־פאַר, וואָס ער האָט זיין הונט נישט אָנגעטאָן אַ צוים אויפן מויל. האָט דער צע־וואַקסענער פּורמאַן אויף דעם געענטפערט זיינע אָנקלאָגער, אַז ער האָט דאָס נישט געטאָן דערפאַר, ווייל דאָס געזעץ לאָזט־צו אַזוי פיל אויסנאַמען. כל־זמן מ׳באַוויליקט אַרומצופאָרן אָן אַ מוילשלאָס די מלוכה־לייט, די געדונגענע לוינשרייבער פון דער געלער פּרעסע און הונדערטער פון זייערס גלייכן און מען דערמעגלעכט זיי צו פאַר־שפּרייטן ליגנס צווישן פאָלק, זעט ער נישט איין, פאַרוואָס דווקא אַ הונט, וועלכער איז דאָך אַ פּרעכטיקע ברואה און נאַרט קיינעם קיינמאָל נישט אָפּ, פאַרוואָס פונקט ער דאַרף טראָגן אַ שלאָס אויפן מויל.

ווען די שטאָטפאַרוואַלטונג האָט אים איינמאָל פאַרווערט צו רעדן אין משך פון דריי וואָכן צייט אין וויקטאָריאַ־פּאַרק צוליב אַ צו שטאַרק געפעפערטער רעדע, האָט זיך אָבער לעגאַט פונדעסטוועגן יאָ באַוויזן אין פּאַרק דעם ערשטן זונטיק נאָכן פאַרמישפּטן אים, אָבער ער איז געקומען אָן זיין פּלאַטפאָרם, אָן דער טריבונע, בלויז כדי צו גיין שפּאַצירן. ער האָט דערביי דערקלערט פאַר די צוהערער זיינע

מיט זיין לייבנשטים, אז מ'האָט אים פאַרווערט צו רעדן אין פּאַרק אויף דריי וואָכן צייט, אָבער אַזוי ווי ער האָט, ווי אַן ענגלישער בירגער, דאָס רעכט צו שפּאַצירן אין פּאַרק און צו פאַרברענגען מיט זיינע פריינט, וועט ער דאָס, פאַרשטייט זיך, אויסנוצן. אַזוי אַרום איז טעד אַלע דריי זונטיקן געגאַנגען אין פּאַרק אַריין שפּאַצירן און כסדר געהאַט הינטער זיך אַ גרויסע צוהערערשאַפט. די טייערע שטאַטפּאַרזאָרגער האָבן אים אָבער פון דעמאָלט אָן נישט באַלעסטיקט, כדי זיך נישט אויסצושטעלן נאָכאַמאָל צו לייטיש געלעכטער.

לעגאַט איז געווען אַ מענטש מיט אַ סך פּערזענלעכן מוט און זיין אומדערשראָקנהייט האָבן עס די סעקולאַריסטן (פריידענקער) געהאַט צו פאַרדאַנקען, וואָס זיי האָבן לסוף געקאָנט אָפּהאַלטן עפנטלעכע גאַסנפאַרזאַמלונגען אין דער באַרימטער געגנט לימענהאַו, מיט איר רויער און גייסטיק־צוריקגעשטאַנענער באַפעלקערונג. אַלע פּרוון, וועלכע זיינען ביז דעמאָלט געהאַט געמאַכט געוואָרן, זיינען דורכגעפאַלן און איינמאָל האָט מען אפילו אַן אַפּיקורסישן רעדנער אַריינגעוואָרפן אין קאַנאַל. האָט זיך דאָרט מיטאַמאָל אין א שיינעם טאָג באַוויזן טעד מיט דער טריבונע אויף זיינע שטאַרקע פּלייצעס. נאָכדעם ווי ער האָט אויפגעשטעלט זיין רעדנער־טריבונע און ס'האָבן זיך אַרום אים געהאַט אויסגעשטעלט אַ סך נייגעריקע, האָט ער אַרויסגענומען פון זיין קעשענע א לאַנג מעסער און א בויגן פּאַפּיר און ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער גרייט זיך צו צעשניידן דעם בויגן אין קליינע שטיקעלעך פּאַפּיר. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן מיט זיין דונערנדיקער שטים: „איך בין טעד לעגאַט, דער אַנאַרכיסט. איך בין געקומען, ביכדי אייך צו לאָזן וויסן, אַז ס'איז נישט קיין דרך אַריינצוּוואַרפן מענטשן אין קאַנאַל, ווייל זיי טראָגן זיך אַרום מיט אידעען, וועלכע זיינען אַנדערש ווי אייערע. דעריבער וועל איך היינט רעדן צו אייך און שפּעטער יעדן איינעם פון אייך, וואָס איז מיט מיר נישט מסכים, ענטפערן. זאָלן אָבער זיין צווישן אייך ברוּטאַלע ברואים, וועלכע וועלן פּרוון צונעמען דאָס רעכט אויף מיין פרייער מיינונג דורך אַ פיזישן אָנגריף, וועל איך זיך פאַרטיידיקן און נישט גאָט און נישט דער טייוול וועלן העלפן דעם, וועלכער וועט מיך פּרוון פאַרטרייבן פון דאַנען". דערביי האָט ער עטלעכע מאָל געפּאָכעט מיט זיין מעסער אין דער לופט גלייך ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט געבן אַ בעסערע באַטאָנונג צו זיינע ווערטער, און נאָכדעם ווי־דער רואיק צעשניטן זיינע פּאַפּירלעך. דאָס האָט געהאָלפן. ער איז נישט נאָר אויסגעהערט געוואָרן רואיק, נייערט זיין קערנדיקע שטים און זיין פּאָלקסטימלעכער אופן פון רעדן האָבן אים אפילו פאַרשאַפט אָנהענגער. דערמיט איז געבראָכן געוואָרן דער צוים און יעדער איינער האָט פון דעמאָלט אָן געמעגט וואַגן אויך אויף די גאַסן פון לימענהאַוז פריי אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג אין דער עפנטלעכקייט.

אָט־דער אַביסל רויער טיפּישער ענגלישער פּראָלעטאַריער איז געווען א זייער גוטהאַרציקער און פאַר פרעמדע צרות שטאַרק עמפּינדלעכער מענטש און חבר, וועלכער פלעגט אויך תמיד געזען ווערן גערן צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט. אויך אין אַנדערע קרייזן האָט לעגאַט געהאַט א היפּשע צאָל פאַרערער, וועלכע האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן צוליב זיין איינשטעלערישער ערלעכקייט. ווען ס'איז

אַרויס אַ נייע פאַראָרדענונג, אַז יעדער אָונטיקער גאסנמיטינג מוז האָבן זיין איי־
גענע לאַמטערן, האָט זיך לעגאַט באַלד באַוויזן אין מיל־ענד מיט אן אלט אייל־
לעמפל, וועלכעס האָט קוים באלייכט זיין נאָז. מיט אייניקע טעג שפעטער האָט אים
אַ רייכער מענטש געשענקט א ריזיק־גרויסע לאמטערן, וואָס קיין שום אנדערער
גאַסנפראָפאַגאַנדיסט אין לאָנדאָן האָט אַזעלכן נישט געהאַט. לעגאַט האָט אויך גע־
שפילט אַן אַנגעזעענע ראָל אין לאָנדאָנער סינדיקאַט פון טראַנספאָרט־אַרבעטער;
ער איז אַ סך יאָרן געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פונעם פאַכפאַריין פון די פורמאַנעס און
גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין די גרויסע קאַמפן פון יענער צייט.

ס'איז אין יענער צייט כסדר געווען אין לאָנדאָן אַ גרויסע צאָל פעיקע רעדנער
צווישן די ענגלישע חברים, וועלכע האָבן רעגלמעסיק אָנגעפירט די פראָפאַגאַנדע
אין אַלע טיילן פון דער ריזיקער שטאָט, אין אַלע פאַרקן און ראָגן. אייניקע פון
זיי זיינען שוין געווען וועטעראַנען אין דער פרייהייטלעכער באַוועגונג, וועלכע האָבן
צוזאַמען מיט וויליאַם מאָריסן דורכגעמאַכט די גאַנצע אַנטוויקלונג פון דער „סאָ־
שעליסט ליג" און זיינען ביסלעכווייז דערגאַנגען צום אנארכיזם, ווי סעם מיינוואָרינג
און פרענק קיץ, צוויי זייער פעיקע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך דורך אייפעריקער
זעלבסטבילדונג און רייכע דערפאַרונגען איינגעשאַפן ווערטפולע קענטענישן, וועלכע
זיי האָבן פארשטאַנען ווי אַזוי צום בעסטן צו פארווענדן. מיינוואָרינג האָט געשטאַמט
פון אועלס, ווו ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1841. קיין לאָנדאָן איז ער געקומען,
ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג. דאָ איז ער באַקאַנט געוואָרן מיט דער סאָציאַליס־
טישער באַוועגונג און געהערט צו וויליאַם מאָריסעס נאָנטערע פריינט. דער ווילער
סעם איז געווען אַ זעלטענע פערזענלעכקייט, תמיד אָפנהאַרציק און ליבלעך אין
אַלע זיינע מעשים; ער איז אויך געווען אומדערמידלעך אקטיוו אין זיין פראָפעסיאָ־
נעלן פאַריין און ביז צום סוף פון זיין לעבן געאַרבעט פאַר דער אַנאַרכיסטישער
באַוועגונג. אין יאָר 1903, ווען דער איינפלוס פון דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג
אויפן קאָנטינענט האָט אין ענגלאַנד אויך אָנגעהויבן ווערן שטאַרקער, האָט ער
פאַר זיין אייגן געלט אַרויסגעגעבן אַ צייטונג, „דהי דזשענעראַל סטרייק", פון וועלכן
ס'זיינען אַרויס בלויז עטלעכע נומערן. מיינוואָרינג איז געווען אַ זייער פעיקער רעד־
נער. אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער אַרויסגעזאָגט קלאָר און איז געווען גוט
דורכגעטראַכט. בעת ער האָט אין סעפטעמבער 1907, אַ 66 יעריקער מענטש שוין,
גערעדט ביי אַ מיטינג אונטערן פרייען הימל אינעם פאַרלאַמענט־האָל, האָט ער
פלוצים באַקומען אַ האַרצאַטאַקע, וועלכע האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין פרוכפעריקן
לעבן. מיט אים האָט די ענגלישע באַוועגונג פאַרלוירן איינעם פון אירע געטרייסטע
און פעיקסטע קעמפער.

אַ צווייטע אייגנאַרטיקע פערזענלעכקייט פון יענער צייט איז געווען פרענק
קיץ, אַ מאָלער פון פאַך. ער איז געבוירן געוואָרן אין לאָנדאָן ווי אַ זון פון א
דייטשן פאָטער און אַן ענגלישער מוטער און פאַרשטאַנען די נייגונגען און די גע־
וווינהייטן פונעם פשוטן פאָלק ווי נישט קיין סך אַנדערע און געהאַט אַ גאָר ספּע־
ציעלע פעיקייט צוצופאסן זיינע אויספירונגען צום פאַרשטענדעניש פון די צוהערער.

קיץ איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פאָלקסרעדנער מיט אַ געזונטן שכל־הישר און דעם טרוקענעם הומאָר פונעם געבוירענעם „קאָקני“. ער איז דעריבער אומעטום געווען אויסגעהערט געוואָרן און איז במשך פון אַ סך יאָרן געווען איינער פון די באַקאַנטסטע גאַסנרעדנער פון לאָנדאָן. פונקט ווי מיינוואָרינג האָט אויך ער אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין דער „סאָשעליסט ליג“, און ער איז בהדרגהדיק אַריבער צום אַנאַרכיזם. קיץ האָט אויך אָנגעהאַלטן ענגע באַציונגען מיט אַ סך אויסלענדישע חברים, ווי וויקטאָר דאַווע און ספּעציעל מיט די צוויי אַלטע דייטשע חברים ס. טרונק און דזשאָן נעווע, וועמען ער האָט אין יאָר 1897, צען יאָר נאָך דעם לעצטנס שווערער פאַרורטיילונג אין דייטשלאַנד, אַוועקגעשטעלט אַ שיינעם מאָנומענט אין אַן אַרטיקל אין „פרידאָם“. אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער אָפּט געליטן פון שווערע קראַנקייטן און ביטערער נויט, פונדעסטוועגן איז ער געבליבן געטריי צו זיינע איבערצייגונגען ביז צום לעצטן אויגנבליק, ווען דער טויט האָט אין 1922 געמאַכט אַ סוף צו זיינע שווערע יסורים.

איינער פון די באַקאַנטסטע חברים פון דער ענגלישער באַוועגונג פון יענער צייט איז געווען דזשיימס טאָקאַטי, דער אַרויסגעבער פון דער גוט־רעדאַקטירטער חודש־שריפט „ליבערטי“, וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען אין לאָנדאָן אין משך פון עט־לעכע יאָר. אויך ער איז שוין נישט געווען קיין בחור, נאָר אַ מענטש אין די רייפע יאָרן, אָבער פול מיט ווילנסקראַפט און יוגנטלעכער באַוועגלעכקייט. טאָקאַטי פלעגט אויפטרעטן ווי אַ רעדנער בעיקר אין לאָנדאָנער מערב און האָט אַ סך יאָרן באַלאַנגט צו די באַקאַנטסטע רעדנער אין האַיד־פּאַרק און האַמערסמיט. אָבער אויך פון אַנדערע געגנטן פלעגן אים חברים רופן צו האַלטן רעדעס. טאָקאַטי פלעגט אויך תמיד אויפטרעטן אויף אַלע אינטערנאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציעס, וואָס פלעגן פּאַר־קומען אין לאָנדאָן. אַזעלכע מאַניפעסטאַציעס, וועלכע פלעגן באַזוכט און אַראַנזשירט ווערן פון די אָנגעהעריקע צו די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, האָבן פון זינט די טעג פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע געהערט צו די שטענדיקע דער־שיינונגען פונעם פּאָליטישן לעבן אין לאָנדאָן.

נעבן אָט־די עלטערע חברים איז אויך תמיד געווען אין לאָנדאָן אַ גאַנצע ריי יינגערע חברים, וועלכע זיינען שפּעטער אויפגענומען געוואָרן פון דער באַוועגונג, פּאַר וועמעס מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע זיי האָבן זיך אינגאַנצן געווידמעט. צו זיי געהערן: ס. פרעסבורג, א. ראַי, מ. קאַוואַנאַג, ס. קאַרטער, וו. פאַנדער, מ. בענטאַב און ספּעציעל דזשאָרזש באַררעט, דער רעדאַקטאָר פון „וואָיטש אָוו לייבאָר“, אַ זייער פעיקער יונגערמאַן, וועלכער איז, צום באַדויערן, צו פרי אָפּגעריסן געוואָרן פון דער באַוועגונג דורך זיין פריען טויט. אייניקע פון אָט־די יונגעלייט זיינען שפּעטער פאַרשוווּנדן אָדער זיך פאַרנומען אויף אַנדערע וועגן, אָבער עס זיינען שטענדיק געקומען אַנדערע אויף זייער אָרט.

איינער פון די באַדייטנדיקסטע פערזענלעכקייטן פון דער ענגלישער באַווע־גונג איז אָן ספק געווען דזשאָן טורנער, אַ זייער פעיקער מענטש און אַ גלענצנ־דער רעדנער, וועלכער האָט זיך דורך זיין לאַנגיעריקער טעטיקייט ווי אַן אָרגאַני־

זאַטאָר פון די ענגלישע האַנדלס־אַנגעשטעלטע דערוואָרבן אַ חשובן נאָמען. אויך אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג. אויך טוירנער האָט באַלאַנגט צו די עלטע מיטגלידער פון דער „סאָשעליסט ליג" און שפּעטער צו די גרינדער פון דער „פרידאָם־גרופּע". ער האָט געהאַט אַ סך קענטעניש און זיין גרויסע דערפאַרונג אין דער אַרבעטערבאַוועגונג האָבן אים געגעבן גענוג געלעגנהייטן פּראַקטיש צו פאַרווענדן און אויסצונוצן זיי. ער איז נישט געווען קיין טרוקענער דאָקטרינאַר און ער האָט ביז צום סוף פון זיין לעבן שטענדיק געזוכט נייע וועגן, וועלכע האָבן זיך אים אויסגעוויזן פּאַסיק לויט די געגעבענע באַדינגונגען פון די אומשטענדן. זיינע רעפעראַטן זיינען תמיד געווען ווי אויסגעגאָסן פון איין שטיק און געהאַט אַ זעלטענע קלאָר־קייט. ער האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרלוירן אין זייטיקע עינינים און מייסטער־האַפט פאַרשטאַנען צו אַנטוויקלען זיינע הויפּגעדאַנקען מיט אַ מאַגישער שאַרפקייט ביז צום סוף.

הגם טוירנער האָט נישט געקאָנט קיין שום אַנדערע שפּראַך חוץ זיין אייגע־נער, דער ענגלישער, האָט אים אָבער זיין שטענדיקער פאַרקער מיט אויסלענדישע חברים געהאָלפן זיך צו שאַפן אַ גאַנץ קלאָר בילד וועגן דער עיקרדיקער כאַראַק־טעריסטיק פון דער באַוועגונג אין אַנדערע לענדער. דערביי איז אים גוט בייגע־שטאַנען זיין גרויסע פעיקייט צו באַנעמען זאַכן און זיין שאַרפע אינטעליגענץ. יעדעס מאָל, ווען איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו הערן רעדן טוירנערן אָדער מיט אים צו פאַרברענגען פערזענלעך, האָב איך געמוזט מאַכן אַ שטילן פאַרגלייך צווישן אים און די דייטשע אַרבעטערפירער, מיט וועלכע איך האָב זיך באַקאַנט אין מיין יוגנט. בעת זיי האָבן זיך שטענדיק געשטיצט אויף אַן אַבסטראַקטער טעאָריע און אויסן געווען לויט איר אויסצוטייטשן דעם געזעלשאַפטלעכן דופק פונעם לעבן, האָט טוירנער תמיד אַרויסגעשטעלט זיינע דערפאַרונגען און פון זיי דעדוצירט און אַנטוויקלט געוויסע געדאַנקען. די טעאָריע איז ביי אים געוואָרן אַזוי־צו־זאָגן דער לעבעדיקער אויסדרוק פון פּראַקטיש־דורכגעלעבטן. אָט־דער אופן פון דענקען איז נישט געקומען פון אַ באַשטימטער נאַטירלעכער נייגונג, נייערט האָט זיך געגנומען גיכער פונעם פּראַקטישן חוש פונעם ענגלענדער, וועלכער איז מעלעך אַנטשטאַנען אין משך פון אַ לאַנגער אַנטוויקלונג און אויפן סמך פון ספּעציעלע היסטאָרישע קאָנדיציעס און איז אַריבער אין זיין פלייש און בלוט. פונקט ווי די פּרעפערענץ פון די דייטשן זיך צו גריבלען אין אַבסטראַקטע באַגריפן נעמט זיך דער עיקר דערפון, וואָס זיי האָבן אין זייער היסטאָריע קיינמאָל נישט געוווסט פון אַ פריי פּאָליטיש לעבן און זיי זיינען פון זייערע רעגירונגען תמיד באַהאַנדלט געוואָרן ווי איינוווינער פון אַ גרויסן קינדערצימער, וואָס שוין היינע האָט דאָס בשעתו זייער ריכטיק איינגעזען.

דיאַלעקטישער דענק־אופן איז טוירנערן געווען לגמרי פרעמד, ווי דעם רוב ענגלענדער. נאָך היינט דערמאָן איך זיך אַ קליינעם עפּיזאָד, וועלכער איז מיר פאַרבליבן גוט אין זיכרון. ווען טוירנער איז אין אַן אָוונט געקומען צו אונדז צו גאַסט, איז שפּעטער אויך געקומען אַ באַקאַנטער דייטשער חבר, וועלכער האָט

קיינמאָל נישט באַוויזן איינגאַנצן אָפּצוטרייסלען פון זיך די שאָלעכץ פון זיין מאַרק־סיסטישער פאַרגאַנגענהייט. דער שמועס האָט זיך יענעם אָוונט געדרייט אַרום בערנשטיינען און דעם אַזוי גערופענעם רעוויזיאָניזם אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דערביי האָט דער דייטשער חבר געמאַכט אַ פאָרוואורף די רעוויזיאָניסטן, אַז זיי האָבן אונטערגעגראָבן מאַרקס לכתחילהדיקע אידעאָלאָגיע און דערמיט אויס־געשטעלט דעם סאָציאַליזם צו דעגענעראַציע.

„בנוגע דעם האָב איך אַ גאַנץ אַנדערע מיינונג", האָט טורנער געזאָגט אויף זיין רואיקן שטייגער. „דער רעוויזיאָניזם איז אַ דערשיינונג מיט זייער גרויסע פאַר־דינסטן און וואָלט ער נישט עקזיסטירט שוין, וואָלט מען אים געדאַרפט ספּעציעל שאַפן. זיין באַטייט ליגט נישט אין דעם, וואָס זיינע אַנהענגער ווילן און זיינען אויסן היינט, נייערט אין דעם, וואָס זיי צעשטערן פאַקטיש און דערפירן צום קבר. זיי גראָבן־אונטער דעם מאַרקסיזם פון אינעווייניק און רייניקן אַזוי אַרום אויס דעם סאָציאַליזם פון פאַטאַליסטישע קאָנצעפּטן, צעקרומטע באַגריפן און געדאַנקען, וועלכע גייען אויף שטאָלצן און ווערן דורך זייער צעדרייטער שפּראַך קיינמאָל נישט פּאָליעריק. לויט מיין מיינונג זיינען היינט די רעוויזיאָניסטן די איינציקע רעוואָ־לוציאָנערן אין דער מאַרקסיסטישער באַוועגונג, ווייל רעוואָלוציאָנער איז נאָר יענער, וועלכער נעמט זיך צעטרייסלען אַלטע דאָגמעס און זוכט נייע פּערספּעק־טיוון. דאָגמאַטיקער זיינען קיינמאָל נישט רעוואָלוציאָנער, ווייל ביי זיי איז די פעיקייט אויסצוהאַלטן דאָס אַלטע שטאַרקער ווי די נייגונג צו שאַפן נייעס, און אַט־די נייגונג איז תמיד געווען די שפּרונגפעדער פון יעדער געזעלשאַפטלעכער איבעראַנדערשונג".

טורנער איז געווען פולשטענדיק גערעכט און ווען אַ סך דייטשע סאָציאַליסטן האָבן דעמאָלט אַזוי אָפט פאַרגעוואָרפן די ענגלענדער זייער מאַנגל אין דיאַלעקטישן דענקען, איז אָבער דערדאָזיקער מיכלומרשטער דוחק פאַר אַ סך דווקא געוואָרן אַ ברכה, מחמת ער האָט זיי פאַרהיט פון דער סכנה פאַרבלאָנדזשעט צו ווערן אין אַן אומענדלעכן לאַבירינט פון אַ טויטער סכאָלאַסטיק, פון וועלכן ס׳קאָן נישט אויפגיין אפילו קיין גרין גרעזל. און דווקא טורנער איז אין דעם פּרט געווען אַ טיפּישערביישפּיל.

אויך פּערזענלעך איז טורנער געווען אַ זייער סימפּאַטישער כאַראַקטער. מיט זיין גייסטיקער לעבעדיקייט, פול מיט הומאָר און תמיד גרייט געוויסנהאַפט אויסצו־פּרווון יעדע אַנדערע מיינונג, איז ער געווען רעספּעקטירט פון אַלעמען, וועלכע זיינען געקומען מיט אים אין נענטערן קאָנטאַקט. ווען זיין פּראָפעסיאָנעלער פאַריין האָט אים געוואָלט געבן אַ מאַנדאַט אין פּאַרלאַמענט אַריין, האָט ער דעמדאָזיקן אַנבאָט העפלעך אָפּגעוואָרפן אין אַן אָפענעם בריוו און דערקלערט, אַז ער איז זייער צופרידן מיט זיין ביזאיצטיקער אַקטיוויטעט אין דער אַרבעטערבאַוועגונג און ער איז אויך איבערצייגט, אַז אויף דעם אופן איז ער אימשטאַנד אויפצוטון פיל מער פאַר דער פאַרבעסערונג פון דער מאַטעריעלער און גייסטיקער לאַגע פון די אַר־בעטער אידער נוצלאָז צו פאַרשווענדן זיין צייט.

צוויי מענטשן, וועלכע זיינען אין דער ענגלישער באַוועגונג פון יענער צייט געווען גוט באַקאַנט, דאַרפן דאָ נאָך דערמאָנט ווערן, — לאַטראָפּ וויטינגטאָן און הערי קעלי. ביידע זיינען געווען אַמעריקאַנער. וויטינגטאָן, וועמען זיינע געשעפט־לעכע רייזעס האָבן יעדעס יאָר אייניקע מאָל געבראַכט קיין ענגלאַנד, איז געשטאַנען פיל נענטער צו בענדזשאַמין טאָקערס אינדיווידואַליסטישער ריכטונג ווי צום קאָמוניסטישן אַנאַרכיזם. דאָס האָט אים אָבער פונדעסטוועגן נישט אָפּגעהאַלטן זיך צו באַטייליקן במשך פון אַ סך יאָרן ביי אונדזערע אינטערנאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציעס אין לאָנדאָן, ווו ער איז ביי אַלעמען געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט ווי אַן אויסגעצייכנטער רעדנער. האָט דער גורל געוואָלט אַזוי, אַז ער זאָל געפינען זיין פריצייטיקן טויט אויף דער אומגליקלעכער רייזע פון דער שיף „טיטאַניאַ" צוזאַמען מיט אַזוי פיל אַנדערע.

הערי קעלי האָט אַ סך יאָרן געלעבט אין לאָנדאָן און איז מיט דער ענגלישער באַוועגונג געווען פיל נענטער פאַרבונדן ווי וויטינגטאָן. ער איז געבוירן געוואָרן אין סען לואיס, ד"ה געטויפט מיט מיסיסיפּי־וואַסער. נאָכדעם ווי ער האָט זיך פריער אָפּגעגעבן מיט עקאָנאָמישע פראַגן און אויך געווען אַקטיוו אין זיין פראַ־פעסיאָנעלן פאַריין, האָט ער זיך אין דערמיט פון די ניינציקער יאָרן באַגעגנט אין באָסטאָן מיטן באַקאַנטן ענגלישן אַנאַרכיסט טשאַרלס מאָורבי און דורך אים באַ־קאַנט געוואָרן מיט דער אידעאָלאָגיע פונעם פרייהייטלעכן סאָציאַליזם. שפּעטער איז ער געקומען קיין לאָנדאָן, ווו ער האָט זיך תיכף אָנגעשלאָסן אין דער „פרידאָם־גרופּע" און גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער ענגלישער באַוועגונג. דאָס קליינע רירעוודיקע מענטשעלע איז געווען אומעטום, ווו ס'איז געווען עפּעס צו טון פאַר דער באַוועגונג, נישט קיין חילוק, צי דאָס איז געווען מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע אָדער גאָר פּשוטע שוואַרצע אַרבעט. ער האָט געהאַלטן אָן אַ שיער רעפעראַטן ביי די צונויפקומען פון די ענגלישע און יידישע חברים, זיך באַטייליקט ווי אַ רעדנער אויף אַלע אינטערנאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציעס און געדרייט דאָס שווערע ראָד פון דער אַלטער דרוקמאַשין, אויף וועלכער „פרידאָם" איז אין משך פון אַ סך יאָרן געדרוקט געוואָרן. די אופריכטיקייט פון זיין דענקען, זיין אומאָפּקויפבאַרע ער־לעכקייט, די טאָלעראַנץ, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן צו יעדער אַנדערער מיינונג, און זיין חברישע און ליבהאַרציקע האַלטונג האָבן אים געמאַכט פאַר אַלעמענס פריינט.

באַזונדערס ליב איז ער געווען פאַר די אַלטע מיטגלידער פון דער „פרידאָם"־גרופּע, וועלכע האָבן גוט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי אָפּצושאַצן זיין אַרבעט. אַזוי האָט געשריבן מאַקס נעטלאַו קורץ נאָכן טויט פון טאָם קיל, דעם לאַנגיאָריקן אַרויס־געבער פון „פרידאָם": „פרידאָם", דאָס גליקלעכע בלאַט, וואָס איז אַזוי ליב גע־ווען קראָפּאָטקינען און וועלכעס האָט אַנטשפּראָכן זיינע בעסטע דערוואַרטונגען, האָט געהאַט די געטרייע אָפּהיטונג פון צוויי פון די פּראַקטישסטע פאַרטרעטער פונעם פרייהייטלעכן געדאַנק,— הערי קעלי, דעם אַמעריקאַנער אינעם בעסטן זין פונעם וואָרט, און פונעם אויפריכטיקן ענגלענדער טאָם קיל".

אין הערי קעליס הויז איז עס געווען, ווו איך האָב זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט וואָלטערין דע קלעיר, יענע זעלטענע פרוי, וועלכע האָט געהאַט אזעלכע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער פרייהייטלעכער באַוועגונג אין אַמעריקע דורך אירע אויסגעצייכנטע ווערק און גייסטפולע רעפעראַטן. אין יאָר 1903 האָט זי זיך בעת אַ וויזיט אויפגעהאַלטן ביי דער פאַמיליע קעלי, און אַזוי ווי די יידישע חברים אין אַמעריקע האָבן איר מיסתמא דערציילט עפּעס וועגן מיר און וועגן מיין אַקטיוויטעט, האָט זי אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג זיך צו באַקענען פּערזענלעך מיט מיר און מיט מילין. מיר האָבן דעמאָלט פאַרבראַכט צוזאַמען אַ זייער אינטערעסאַנטן טאָג; ס׳איז געווען דאָס איינציקע מאָל, וואָס מיר האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו קענען פאַרברענגען נענטער מיט וואָלטערינען. ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין שיקאַגאָ אין יאָר 1912, איז זי נאָר־וואָס געהאַט געשטאָרבן און איך האָב בלויז געקאָנט זען איר פרישן קבר אין וואַלדהיים, נעבן דענקמאָל פון די שיקאַגער מאַרטירער פון 1897.

קעלי האָט זיך שפּעטער אומגעקערט קיין אַמעריקע, ווו ער האָט במשך פון די אַלע יאָרן אומדערמידלעך געאַרבעט פאַר דער באַוועגונג. ער איז געווען דער אַרויסגעבער פון פאַרשידענע צייטשריפטן און אַ מיטאַרבעטער פון כימעט אַלע אַנאַרכיסטישע בלעטער אין דער ענגלישער שפּראַך. קעלי איז געווען אַ גאָר גוטער פריינט פון עמאַ גאָלדמאַן און אַלעקסאַנדער בערקמאַן און האָט גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין דער אַרבעט פונעם אינערלעכן קרייז אַרום דער אויסגאַבע פון „מאַדהער אוירטה״, ביז אַמעריקעס באַטייליקונג אַ נעם ערשטן וועלטקריג און עמאַס און סאַשאַס אַרעסט האָבן געמאַכט אַ סוף צו דער עקזיסטענץ פון אָט־דעם זשורנאַל.

פונקט ווי אַזוי פיל אַמעריקאַנער, איז אויך קעלי תמיד געווען אַ פריינט פון פּראַקטישע פּרווון. דורך זיין איניציאַטיוו זיינען געשאַפן געוואָרן פאַרשידענע פרייהייטלעכע קאָלאָניעס, פון וועלכע די קאָלאָניע אין סטעלטאָן, ניו־יאָרק, וועלכע איז געוואָרן וועלטבאַרימט דורך דער גרינדונג פון דער פערער־שול, און די מאָהיגאַן־קאָלאָניע, ווו איך וווין איצט, עקזיסטירן נאָך היינט.

איניקע יאָר נאָכן ערשטן וועלטקריג איז קעלי נאָך צוויי מאָל געקומען קיין אייראָפּע, און פאַרבראַכט מיט אונדז איניקע חדשים אין בערלין, ווו ער האָט געהאַט אַ געלעגנהייט זיך אַליין דורכצודרינגען מיטן עלנט און דער דעמאָראַליזאַציע, וואָס די מילחמה האָט געבראַכט אויף דייטשלאַנד און די אַנדערע לענדער. דעמאָלט האָט ער אויך באַנייס געזען זיינע אַלטע פריינט אין לאָנדאָן, וועלכע זיינען נאָך געווען צווישן די לעבעדיקע, באַזוכט שוועדן, ווו עמאַ גאָלדמאַן און בערקמאַן האָבן דעמאָלט געוווינט, דערנאָך געפאָרן קיין ווין, ווו ער האָט נאָכאַמאָל געזען מאַקס נעטלאַוען נאָך אַזויפיל יאָרן, און שפּעטער אָפּגעפאָרן קיין רוים, ווו ער האָט זיך דאָס לעצטע מאָל צונויפגעטראָפן מיט מאַלאַטעסטאַן, ווען דער פאַשיזם האָט שוין געהאַט אַרויפגעלייגט זיין בלוטיקע ממשלה אויף איטאַליע.

קעלי לעבט נאָך היינט אין ניו־ראָשעלע, נישט ווייט פון ניו־יאָרק, אַן 80־יע־

ריקער זקן און איינער פון די לעצטע פון דער אַלטער גוואַרדיע, וועלכע האָבן דורכגעלעבט בעסערע טעג. נישט געקוקט אויף זיין הויכער עלטער, איז ער נאָך גייסטיק לעבעדיק און פריש און איז נאָך אַלץ אַקטיוו פאַר זיין אידעאַל. ער שרייבט איצט זיינע זיכרונות און איז איינער פון יענע, וועלכע האָבן באמת וואָס צו זאָגן.

די מאָדערנע אַנאַרכיסטישע באַוועגונג אין ענגלאַנד האָט באַקומען איר ערשטן שטויס מיטן נייעם אויפלעב פונעם סאָציאַליזם אין די אַכציקער יאָרן. דער ערשטער פּרווו אין אָט־דער ריכטונג איז געמאַכט געוואָרן פון אַ קלענער גרופּע, צו וועלכער ס'האָבן באַלאַנגט העני מ. היינדמאַן, דזשאָזעף קאָוען, העלען טיילאָר, הערבערט בעראָוס, דזשאָזעף ליין און איניקע אַלטע טשאַרטיסטן. דער־אָ קרייז האָט אין 1881 געגרינדעט די „דעמאָקראַטיק־ליג", צו וועלכער ס'האָט זיך אין די קומענדיקע יאָרן אַנגעשלאָסן א היפּשע צאָל באַקאַנטע אינטעלעקטואַלן, אַזעלכע ווי וויליאַם מאָריס, ערנעסט בעלפאָרטס בעקס און פון די אַרבעטער־קרייזן: סעם מאַינוואָרינג, פרענק קיץ, טשאַרל מאָוברי, דזשאָן וויליאַמס, הערי קוועלטש און אייניקע אַנדערע. אויך עדוואַרד קאַרפּענטער איז געשטאַנען זייער נאָענט צו אָט־דעם קרייז און ער האָט שפּעטער צוגעשטעלט די מיטלען פאַרן אָרגאַן פון דער פעדעראַציע, „דזשאַסטיס". די נייע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געביטן דעם נאָמען אויף „סאָשעל דעמאָקראַטיק פעדערייישאָן", איז לכתחילה פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע־געזעלשאַפט און האָט אַרומגענומען אַ מיטגלידערשאַפט פון די פאַרשידנסטע אידעאָלאָגישע שיטות. שפּעטער אָבער איז היינדמאַנס איינפלוס געוואָרן אַלץ שטאַרקער און ער האָט זיך פון אָנהייב אָן באַמיט צו געבן דעם פאַרבאַנד דעם כאַראַקטער פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי. היינדמאַן איז געווען אַ זייער פעיקער רעדנער און שרייבער, אָבער אויטאָריטעטער געשטימט ביז צו די ביינער. זיין פּאָליטישע קאַריערע האָט ער אָנגעהויבן ווי א „טאָרי", אָבער נישט געקוקט אויף זיין סאָציאַליזם, האָט ער זיין לכתחילהדיקע אידעאָלאָגיע כימעט נישט געענדערט, ווי ער האָט דאָס בולט באַוויזן דורך זיין היפּערפּאַטריאָטישן „דזשינגאָאיזם" בשעת דער ערשטער וועלט־מילחמה. זיין שטאַרקסטע ליידנשאַפט איז געווען צו באַקומען אַ בענקל אין פּאַרלאַמענט, און ס'איז מיסתמא געווען די גרעסטע טראַגעדיע פון זיין לעבן, וואָס ער האָט אָט־דעם ציל קיינמאָל נישט געקאָנט דערגרייכן.*)

ביי אָט־די אומשטענדן האָט שוין געמוזט קומען צו דעם, אז היינדמאַן זאָל זיך,

*) ווי שטאַרק געוויסנלאָז היינדמאַן האָט זיך געיאָגט נאָך אָט־דעם ציל קאָן מען אַרויסזען פון דעם, וואָס ער האָט געפּועלט ביי זיינע אָנהענגער אַנצונעמען געלט ביי דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, כדי ביי די וואַלן פון 1886 אַרויסצושטעלן סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן קעגן די ליבעראַלן. דער בלאַמאַזש איז געווען אויף אַזוי פיל גרעסער, וואָס אָט־דער פּרווו צו באַקומען וואָל־הצלחה מיט געלט פון די טאָריס האָט זיך געענדיקט מיט א שענדלעכער מפּלה און היינדמאַן גופא האָט קוים געקאָנט צונויפזאַמלען 59 (נייַנאונפופציק) שטימען.

בײם פֿארשידנארטיקן צונויפֿשטעל פֿון דער פֿעדעראַציע, אַנשטויסן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד אין זײן אײגענעם קרײז, און דאָס האָט ענדלעך דערפֿירט דערצו, אַז ס'איז סוף 1884 געקומען צו אַן אָפֿענער שפּאַלטונג, ווען וויליאַם מאָריס און מיט אים אַ היפּשע צאָל אָנגעזעענע מיטגלידער האָבן זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער פֿעדעראַציע און געשאַפֿן די „סאָשעליסט ליג״. אויך דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט אַרומגענומען סאָציאַליסטן פֿון אַלע ריכטונגען, ווייל די מאָטיוון, וועלכע האָבן באַוויגן אירע גרינדער זיך צו דערווייטערן פֿון הײנדמאַנען און זײנע נאָכגייער, זײַנען נישט געווען ביי אַלעמען דיזעלביקע. ס'זײַנען דאָרט געווען מענטשן, אַזעלכע ווי ע. בעלפֿאָרט בעקס, עדוואַרד אַוועלינג און זײן פֿרוי עלענאָר, קאַרל מאַרקס אַ טאָכטער, אַנדריוס שוי, פֿרידריך לעסנערס, אַן אַלטער מיטגליד פֿונעם געוועזענעם „קאָמוניסטישן בונד״, וועלכער האָט עס באַטראַכט פֿאַר אַ ספּעציעלער זכיה, וואָס אים איז אויסגעקומען אַוועקצוטראָגן דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט״ אין דער דרוקעריי אַרייַן, און אײניקע אַנדערע, וועמעס סאָציאַליזם איז געווען שטאַרק באַאײנפֿלוסט פֿון אויטאָריטערע שטרעמונגען. דאָס, וואָס, למשל, די בײדע אַוועלינגס און לעסנער האָבן פֿאַרלאָזט די „דעמאָקראַטיק פֿעדערײשאָן״, לאָזט זיך זיכער דערקלערן מיט דער שטאַרקער שינאה, וואָס האָט תמיד געהערשט צווישן פֿרידריך ענגעלסן און הײנדמאַנען.

אָבער דער רוב פֿון די מיטגלידער פֿון דער „סאָשעליסט ליג״ איז געווען מענטשן מיט אַ פֿרײערן קוק און באַנעם, אַזוי אַז זיי האָבן געקאָנט קומען אין באַטראַכט ווי אַן עלעמענט פֿאַרן פֿרײהײטלעכן סאָציאַליזם, בעת די „דעמאָקראַטיק פֿעדערײשאָן״ איז, נישט געקוקט אויף איר לאַנגיעריקער עקזיסטענץ אונטער פֿאַרשידענע נעמען, וואָס ווײטער אַלץ מער פֿאַרשטאַרט, פֿאַרשטײפֿט געוואָרן און איז שוין נישט געווען אימשטאַנד אויפֿצולעבן פֿונדאַסניי. און היות די „סאָשעליסט ליג״ האָט קײנמאָל נישט געוואָלט זײן עפּעס אַנדערש ווי אַ פֿאַרבאַנד צו שטיצן די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, האָבן דעריבער די חילוקי־דעות אין אירע רייען געמוזט דערפֿירן צו אַ גײסטיקער אויסלײטערונג און אינערלעכער אויפֿקלערונג. אַ פֿאַקט איז, אַז אַ היפּשע צאָל ענגלישע אַנאַרכיסטן, אַזעלכע ווי י. לײן, ס. מײנוואָרינג, פֿ. קיץ, י. טוירנער, טש. מאָוברי, ט. קענטוועל, פֿ. טשאַרלס, ד. ניקאָלס און אײניקע אַנדערע, זײַנען אַרויסגעקומען פֿון די רייען פֿון דערדאָזיקער „ליגע״, צו וועלכער ס'האָבן אויך באַלאַנגט אײניקע אויסלענדישע חברים, ווי וויקטאָר דאַווע, מאַקס נעטלאַו, דזשאָן נעווע, ס. טרונק און אַנדערע.

די נשמה פֿון דער „סאָשעליסט ליג״ איז בלי ספֿק געווען וויליאַם מאָריס, דער שטאַרק טאַלענטירטער און פֿילזײטיקער קינסטלער און אײנער פֿון די פּרעכטיקסטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע דער ענגלישער סאָציאַליזם האָט אַרויסגעגעבן. מאָריס האָט באַקומען אַ גרויסן שם ווי אַ דיכטער און באַנײער פֿון דער מאָדערנער קונסט־האַנטווערק, נאָכדעם ווי ער האָט נאָך פֿריער געהאַט פּראַקטיצירט ווי אַן אַרכיטעקט און מאָלער, אונטערן אײנפֿלוס פֿון בוירנס דזשאָנס און ראַסעטי. ער איז אַרויסגעקומען פֿונעם לאַגער פֿון ענגלישן ליבעראַליזם און נאָכדעם ווי ער האָט אין יאָר

1880 איבערגעריסן מיט דער ליבעראַלער פּאַרטיי, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו די סאָציאַליסטן, און נישט קיין טיפערע עקאָנאָמישע פּאַרטראַכטונגען און סטודיומס זיינען עס געווען די סיבות, וואָס האָבן אים געפירט אויף אָט־דעם וועג, ווי ער אַליין האָט דאָס שפּעטער דערציילט אין זיין מאמר „ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ סאָציאַליסט", נייערט גיכער איז עס געווען זיין טיף־איינגעקריצט געפיל פאַר גע־רעכטיקייט און זיין באַנעם ווי אַ קינסטלער, וועלכע האָבן אים געבראַכט צום סאָ־ציאַליזם. אין אַן ענגלישן זשורנאַל האָט ער געלייענט אויסצוגן פון דזשאָן סטיוארט מילס איבערגעלאָזטע כתבים, צווישן זיי אויך אַ קריטיק, וועלכע האָט זיך פאַרנו־מען מיט שאַרל פוריעס טעאָריעס, און טאַקע דאָס איז עס געווען, וואָס האָט אים געוואונען פאַרן סאָציאַליזם. די „טעאָריע פון דער אַטראַקטיווער אַרבעט" איז עס געווען, אַן עיקרדיקער באַשטאַנדטייל פונעם פוריעריזם, וועלכע האָט געהאַט די שטאַרקסטע השפּעה אויף וויליאַם מאָריסעס קינסטלערישער נאַטור. ער, וועלכער האָט במשך פון זיין גאַנץ לעבן געפילט די טיפע פרייד פון דער שעפערישער אַק־טיוויטעט, האָט מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין עמפּינדלעכער נשמה געפילט, אַז די ברייטע מאַסן, וועלכע זיינען איינגעשפּאַנט אינעם יאָך פון אינדוסטריעלער קנעכטשאַפט, האָבן נישט די מינדסטע פרייד ביי און פון זייער אַרבעט, און זיין געפיל פון מענטשלעכקייט האָט זיך צעבורזשעט קעגן אָט־אַזאַ צושטאַנד. מאָריס האָט געפילט ביז אין זיינע טיפסטע טיפענישן דעם אינעווייניקסטן שייכות צווישן קונסט און אַרבעט און ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט באַגייסטערן פאַרן מאָ־טאָ „קונסט צוליב קונסט". זיין קינסטלערישער אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז אַרבעט און קונסט האָבן זייער שורש אין דער געזעלשאַפט און דווקא אָט־די איבערצייגונג האָט זיין סאָציאַליזם געגעבן אַן עטישן באַטייט, וועלכער איז ווייט אַריבער די ראַמען פונעם עקאָנאָמישן אַספּעקט.

מאָריס האָט באַגריפן, אַז דער סאָציאַליזם איז מער ווי אַן עקאָנאָמישער עיניין, אַ זאַך, וואָס די סאָציאַליסטן פון זיין צייט האָבן שוין כימעט געהאַט פאַרגעסן. די עקאָנאָמישע זיכערקייט פאַר אַלעמען איז פאַר אים נישט געווען קיין ציל, נייערט בלויז אַ נויטווענדיקער תנאי פאַר אַ נייער געזעלשאַפט, וועלכע שטרעבט צו אַלץ העכערע צילן פון דער געזעלשאַפטלעכער קולטור און דאַרף געפינען איר טיפסטן אויסדרוק אין דער דעראָבערונג פונעם לעבן דורך דער קונסט. שוין אין זיינער אַן ערשטער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט, „אויסעפּול וואָרק ווער־סוס אוסעלעס טאָיל", וועלכע האָט זיך, פּונקט ווי אַלעס, וואָס ער האָט געשריבן, אויסגעצייכנט דורך דער שיינקייט פון דער שפּראַך, האָט ער באַמערקט: „מיר וועלן קיינמאָל נישט זיין אימשטאַנד ווי געהעריק אויסצוניצן די נאַטור, כל־זמן אונדזער אַרבעט וועט נישט זיין אַ טייל פון אונדזער לעבנספרייד". ווען ער האָט זיך שפּע־טער פאַרנומען גרינטלעך צו שטודירן די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור און דערביי אויך אַריינגענומען מאַרקס „קאַפּיטאַל", האָבן אים די קאַפּיטלען וועגן דער היסטאָ־רישער אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם פאַרשאַפט אַ סך נחת־רוח, בעת דער ריין־

עקאָנאָמישער אַספּעקט פונעם ווערק האָט אים, לויט זיין אייגענער באמערקונג, „גורם געווען אַן אמתע גסיסה פון א געהירן־קאָנפוזיע".

ס'איז קלאָר, אַז אַזאַ פיינפילנדיקער קינסטלער מיט אַזאַ טיף־איינגעקריצטן מיטגעפיל פאר אלץ, וואָס איז מענטשלעך, האָט דעם סאָציאַליזם קיינמאָל נישט געקאָנט באַנעמען ווי אַ זאַטקייט־באַדערפעניש פון דער סטאַדע, נייערט בלויז ווי אַ יסוד פון אַ פרייען, אומגעצווונגענעם לעבן אין זיינע פאַרשידנאַרטיקע וואַריאַציעס. ווי אַ קינסטלער, וועמען ס'איז געווען ווידערווייליק יעדער אויסערלעכער צוואַנג און געוואַלט, איז פאַר אים די פרייהייט און די גייסטיקע אומאָפּהענגיקייט געווען דער העכסטער ציל פון אַלע מענטשלעכע שטרעבונגען. דעריבער איז אויך זיין סאָציאַליזם געווען אַ דורכויס פרייהייטלעכער. פונקט ווי פאַר יעדן גרויסן קינסטלער איז אויך פאַר אים די ליבשאַפט צו שיינקייט געוואָרן אידענטיש מיטן אינסטינקט פון פרייהייט. אַט־דער גייסט דריקט זיך אויס אין אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן ווי אַ סאָציאַליסט. ער איז די שפּרודלענדיקע קוואַל פון זיין וויזיאָנערישער פעיקייט ווי אַ פּאָעט. אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, האָט געאָטעמט מיטן גייסט פון אַט־דער אינעווייניקסטער ליבשאַפט צו פרייהייט, פון וועלכער ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט ביז צו זיין טויט. און נישט בלויז זיין פּרעכטיקער סטיל איז עס געווען, וואָס האָט געמאַכט אַזוי לעבעדיק זיינע שריפטן און פאַרשאַפט אונדז נאָך ביז היינט אפילו אזא גרויסן תענוג און אינערלעכן נחת־רוח ביים לייענען אַזעלכע ווערק זיינע ווי „ביוס פראָם נאָוועער", „דהע דרים אָוו דזשאָן בול" אָדער „קינגס לעסאָן", נייערט גיכער זיין טיפע גאַרעניש נאָך פרייהייט. מאָריס האָט אפילו געוווסט ווי אַזוי די פּראָפּאַגאַנדע צו דערהייבן צו דער מדרגה פון אַ קונסט. די בעסטע עדות פאַר דעם זיינען די גרויסע צאָל אַרטיקלען און רעפעראַטן, פון וועלכע די בעסטע זיינען שפּעטער אַרויס אין בוכפאָרעם. און איצט קומען נאָך צו זיינע הערלעכע סאָציאַלע לידער, פון וועלכע אַ סך זיינען געזונגען געוואָרן ביי אַלע סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונגען, אַזעלכע ווי „דהי וואָיטשע אָוו טאָיל", „דהע מאַרטש אָוו דהי וואָרקערס", „אָל פאָר דהי קאָוס" און ספּעציעל דאָס פּרעכטיקע ליד „נאָו מאַסטער", אין וועלכן דער דראַנג צו פרייהייט פונעם דיכטער אַנטפּלעקט זיך צום שטאַרקסטן.

מאָריס איז בערך פינף יאָר צייט געווען רעדאַקטאָר פונעם „קאָמאָנוויל", דעם אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער ליגע, וועלכן די שיינקייט פון דער שפּראַך האָט געגעבן אַ גאָר ספּעציעלן חן. דאָס בלאַט איז אַרויס פון 1885 ביז 1892 און אַזוי ווי דער פאַרקויף האָט נישט געדעקט די הוצאות, האָט מאָריס במשך פון אַ סך יאָרן געדעקט דעם דעפיציט פון זיין אייגענער קעשענע, שוין אפילו נאָכדעם ווי די רעדאַקציע פונעם בלאַט איז שוין לאַנג געהאַט איבערגעגאַנגען אין אַנדערע הענט. אַ סך פון זיינע בעסטע דיכטערישע שאַפונגען אין פּאָעזיע און פּראָזע זיינען צוערשט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „קאָמאָנוויל".

מאָריס האָט זיך אויך אין משך פון אַ סך יאָרן באַטייליקט אין דער אינערלעכער פּראָפּאַגאַנדע אין די פּאַרקן און גאַסנראָגן. ער איז אפילו איינמאָל ביי אַזאַ געלעגנ־

הייט אַרעסטירט געוואָרן, אָבער מ'האָט אים באַלד אַרויסגעלאָזט. ווען מען האָט אים נאָך טעניסאָנס טויט געפרעגט, צי ער איז גרייט אָנצונעמען די שטעלע ווי אַ „פּאָעט לאַוריט" (הויפּפּאָעט), האָט ער זיך מיט דאַנק אָפּגעזאָגט דערפון.

ווען איך בין ביים אָנהויב פון יאָר 1895 געקומען קיין לאָנדאָן, איז שוין מאָריס געווען שווער קראַנק און ער פלעגט זיך זעלטן־ווען ווייזן ביי עפנטלעכע צונויפקומען. ביי אַזאַ מין צונויפקום האָב איך אים געזען צום ערשטן מאָל. בערך זעקס אָדער זיבן חדשים נאָך מיין אָנקום האָב איך ווידער געהאַט די געלעגנהייט זיך מיט אים אָנצוטרעפן. אַ דייטשער מאָלער, מיינער אַ פריינט, האָט געהאַט אַ באַשטעלונג פון אַ לאָנדאָנער טעאַטער צו מאָלן אַ פאָרהאַנג פאַר דער בינע. פאַר דעם צוועק האָט ער געדונגען אין העמערסמיט אַ לײַדיקן שייער, ווו ער האָט אויפגעשטעלט זיין רישטאָוואַניע. אַזוי ווי ער איז געווען באַקאַנט מיט מאָריסן, מיט וועמען ער האָט געוווינט אין שכנות, פלעגט ער אים אָפטמאָל, בעת זיינע קורצע שפּאַצירן, באַזוכן, ביכדי צוצוקוקן זיך, ווי עס האַלט מיט דער אַרבעט. ווען דאָס ווערק איז שוין געווען באַלד פאַרענדיקט, האָט מיין פריינט פאַרבעטן מיך און נאָך איין באַקאַנטן, צו קומען כאַפּן אַ קוק. האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז פּונקט דעמאָלסט איז אויך מאָריס דאָרט געווען. ער איז שוין געווען אַביסל איינגעבויגן, זיך באַנוצט מיט אַ שטעקן און מ'האָט לייכט געקאָנט באַמערקן, אַז די קראַנקייט, וועלכע צעפרעסט אים, מאַכט היפּשן פּראָגרעס. אָבער דער פּרעכטיקער קאָפּ מיטן קלוגן מענלעכן פּנים האָבן נאָך אַלץ אַרויסגעוויזן לעבנסקראַפט און זיין קול האָט נאָך געהאַט אַ קרעפטיקן קלאַנג. קיין סך רעדן צווישן זיך האָבן מיר נישט געקאָנט, ווייל חוץ ענגליש האָט מאָריס נישט פאַרשטאַנען קיין שום אַנדער שפּראַך און מיין ענגליש איז נאָך דעמאָלסט נישט געווען גענוג פאַר אַן אינטערעסאַנטן שמועס. אַ יאָר שפּעטער איז מאָריס געשטאָרבן.

א סך פון מיינע ענגלישע פריינט האָבן שטענדיק באַדויערט, פאַרוואָס ס'איז צווישן מאָריס און קראָפּאָטקין נישט געקומען צו קיין נענטערע באַציונגען, נאָכדעם ווי קראָפּאָטקין איז נאָך זיין 3־יעריקער תפיסה־שטראָף אין פראַנקרייך באַפרייט געוואָרן דורך אַן אַמנעסטיע און האָט אין 1886 זיך באַזעצט אין לאָנדאָן. איך ווייס, אַז קראָפּאָטקין האָט געהאַט אַ זייער הויכע מיינונג וועגן מאָריסן. אַ נענטערע באַציונג צווישן אָט־די צוויי מענטשן וואָלט מאָריסן, וועלכער האָט געהאַט זייער קנאַפּע ידיעות וועגן דער באַוועגונג אין אייראָפּע, געווען געבראַכט גרויסע נוצן.

צווישן די אַנאַרכיסטן אין דער „סאָציאַליסטישער ליגע" איז צווישן אַ גאַנצער שורה אויסגעצייכנטע מענטשן אויך געווען אַ סך אַזעלכע, וועלכע האָבן אויף מאָריסן נישט געקאָנט מאַכן דעם בעסטן איינדרוק, ווייל זיי אַליין האָבן וועגן אַנאַרכיזם געהאַט שטאַרק צעשוווּמענע באַגריפן און גאַנץ אָפט נאָך אַפילו געווען באַלייגט מיט קינדערקראַנקייטן, פון וועלכער קיין שום סאָציאַלע באַוועגונג קאָן זיך נישט אויסהיטן. צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער אומשטאַנד, וואָס מאָריס גופא, וועלכער איז, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע, צוליב ערלעכער איבערצייגונג געקומען צום סאָציאַליזם פונעם בורזשואַזן לאַגער, האָט זיך וועגן די אַרבעטער געהאַט געשאַפן אַ גוזמאַדיקע פאָרשטעלונג און זיך דעריבער שפּעטער גאַנץ היפּש אַנטוישט דערפאַר, וואָס פון

זייער מיט קומען נישט אַרויס קיין גרויספאַרנעמיקע מענטשן, וועלכע זאָלן קאָנען געבן אַ מעכטיקן שטויס פאַר אַ סאָציאַליסטישער מאסנבאַוועגונג אין ענגלאַנד. דאָס אַלעס האָט געפירט צו דעם, אַז מאָריס איז אין 1890 אַרויסגעטראָטן פון דער „ליגע" און געגרינדעט די „העמערסמיט סאָשעליסט סאָסייטי", וועלכע איז אָבער נישט געוואָרן קיין וויכטיקע אינסטיטוציע. אָבער אויך די „סאָשעליסט ליג" האָט כסדר פאַרלוירן איינפלוס, ביז זי איז לסוף איינגאַנצן אַראָפּ פון דער סצענע.

קראָפּאָטקין אַליין האָט, וויזיט־אויס, איינגעזען, אַז ביי די אייגנאַרטיקע פאַר־העלטענישן אין ענגלאַנד איז וויכטיקער פון אַלץ צו שאַפן אַ קרייז נוצלעכע און אינטעליגענטע מענטשן, וועלכע זאָלן זיין גרינטלעך באַהאַוונט מיט די שטרעבונגען פונעם אַנאַרכיזם און אים קאָנען פאַרטרעטן ווי געהעריק לגבי דרויסן. אַזוי האָט ער אין יאָר 1886, צוזאַמען מיט טשאַרלאָט מ. ווילסאָן, פּ. ס. מערלינאָ און אייניקע אַנדערע, געגרינדעט די „פרידאָם"־גרופּע, אין וועלכער ס'האָט זיך באַלד אָנגעשלאָסן אַ גאַנצע שורה באַקאַנטע חברים, אַזעלכע ווי א. מאַרש, דזשאָן טוירנער, וו. טשער־קעסאָוו, ס. מיינוואַרינג, ט. פּירסאָן, וו. וועס און זיין שוועסטער דאָריס זשוק, צו וועלכע ס'זיינען שפּעטער צוגעקומען ט. קאַנוועל און ט. ה. קיל. די גרופּע האָט אָנגעהויבן אין אָקטאָבער 1886 מיטן אַרויסגעבן דעם חודשניק „פרידאָם", וועלכער איז אַרויס איבער פערציק יאָר צייט און באַלאַנגט צו די בעסטע בלעטער פון דער אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור. דאָסדאָזיקע בלאַט האָט אינעם לויף פון אָט־די יאָרן געבראַכט אַ שלל אויסגעצייכנטע אָריגינעלע אַרבעטן פון קראָפּאָטקין, מערלינאָ, טשערקעסאָוו, טוירנער, נעטלאַו און אַ סך אַנדערע באַקאַנטע חברים. חוץ די וואָגיקע איבערבליקן פון דער רעדאַקציע וועגן אַלע וויכטיקע געשעענישן פונעם טאָג און ערנסטע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור פון יענער צייט האָט אויך „פרידאָם" פאַרעפנטלעכט רעגלמעסיקע אויסגעצייכנטע באַריכטן וועגן דער אינ־טערנאַציאָנאַלער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, וועלכע פלעגן געוויינלעך אָנגעשריבן ווערן פון נעטלאַו אָדער קראָפּאָטקין. די „פרידאָם"־גרופּע האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ גאַנץ פאַרנעמיקע און אינהאַלטסרייכע בראָשורן־ליטעראַטור, וועלכע איז שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן, און אויך אַראַנזשירט אַ גרויסע צאָל פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ס'פלעגן שטענדיק אַרויסטרעטן די בעסטע רעדנער פון דער באַוועגונג.

„פרידאָם" האָט אויך געהאַט דאָס גרויסע מזל, אַז די אַדמיניסטראַטיווע אָנפי־רונג מיטן בלאַט און מיטן פאַרלאַג איז תמיד געלעגן אין די הענט פון אינטעליגענטע און קרבנות־גרייטע חברים, פון וועלכע ס'דאַרפן באַזונדערס דערמאָנט ווערן ט. קענטוויל און ט. ה. קיל.

פונקט ווי אַ סך אַנדערע, איז אויך קענטוויל אַרויסגעקומען פון די רייען פון דער „סאָשעליסט ליג". ער האָט זיך שטאַרק באַטייליקט אין דער גאַסן־פּראָפּאַגאַנדע פון יענער צייט צוזאַמען מיט וויליאַם מאָריס, י. טוירנער, פּ. קיץ, ס. מיינוואַרינג, טש. מאָוברי און אַנדערע און איז איינמאָל, נאָך אַזאַ מיטינג, אַרעסטירט געוואָרן און מ'האָט אים באַשטראָפט מיט זעקס חדשים תפיסה פאַר שטערן די עפנטלעכע רו. נאָך זיין באַפרייונג האָט ער זיך, אין 1893, אָנגעשלאָסן צו דער „פרידאָם"־גרופּע און ער

איז ביז זיין טויט, אין דעצעמבער 1906, געווען דער זעצער און פאַרוואַלטער פונעם בלאַט.

זיין פּלאַץ איז דערנאָך פאַרנומען געוואָרן פון ט. ה. קיל, איינער פון די פיינסטע און קרבנות־גרייטסטע מענטשן אין דער באַוועגונג פונעם ענגלישן אַנאַרכיזם. ער האָט פאַרלאָזט א גוט־באַצאָלטע און זיכערע שטעלע, ביכדי צו ווידמען זיין אַרבעט אַ בלאַט, וועלכעס איז תמיד געווען אָנגעוויזן אויף דעם מסירת־נפש פון זיינע אָנהענגער און שטענדיק געמוזט קעמפן פאַר זיין עקזיסטענץ. קיל האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין די ניינציקער יאָרן און אונטערן איינפלוס פון קראָפּאָטקינס אידעען איז ער אַריבער צום אַנאַרכיזם. דער דאָזיקער באַשיידענער און שווייגנדיקער ענגלענדער איז אַפילו נישט געווען קיין רעדנער, אָבער אַ זייער אינטעליגענטער און אַנגעלייענטער מענטש, וועלכער האָט ביז צו זיין טויט נישט אויפגעהערט צו לערנען און שטודירן. קיל איז נישט בלויז געווען דער זעצער און פאַרוואלטער פונעם בלאט, נייערט אויך איינער פון זיינע רעגלמעסיקע מיטארבעטער. ווען אלפרעד מארש, דער רעדאקטאָר פון „פרידאָם", איז שפּעטער אָפּט קראַנק געוואָרן, פלעגט קיל זיך אָפּגעבן מיט די רעדאקציע־עינינים, וועלכע ער האָט נאָך מאַרשס טויט, אין אָקטאָבער 1914, אינגאנצן איבערגענומען.

ווען ס'איז אין 1914 אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מילחמה און קראָפּאָטקין, טשערקעסאָוו און אייניקע אַנדערע מיטגלידער פון דער גרופּע האָבן גענומען זייער באקאנטע שטעלונג צו איר, האָט קיל זיי נישט געקאָנט נאָכגיין, ווען אפילו ער האָט אויף קיין אויגנבליק נישט געצווייפלט אין דער אויפריכטיקייט פון זיינע אלטע פריינט. צוזאַמען מיט מאלאטעסטאַ און דער גרויסער מערהייט פון די חברים אין ענגלאַנד האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער מילחמה און ער איז אויך געווען צווישן די אונטערגעשריבענע אויפן אינטערנאציאָנאלן אנארכיסטישן מאַניפעסט קעגן דער מילחמה, וועלכער איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין לאָנדאָן אין 1915. ווען איך בין שוין זינט פיר חדשים געווען אַרעסטירט. ס'איז זעלבסטפארשטענדלעך, אַז ביי אַזעלכע ערנסטע עינינים און אין אזא שטורמישער צייט איז נישט מעגלעך אויסצומיידן קיין העפטיקע חילוקי־דעות. די אָנגריפן, וועלכע זיינען דעמאָלסט געמאכט געוואָרן קעגן קילן פונעם קעגנערישן צד, זיינען בעיקר געקומען דערפאַר, וואָס ער האָט זיי נישט געוואָלט איבערגעבן די צייטונג. פונדעסטוועגן בין איך נאָך היינט ביי דער מיינונג, אַז קיל האָט זיך אין דעם פּרט אויפגעפירט קאָרעקט און איז נישט באַוויגן געוואָרן דערצו פון קיין שום פערזענלעכע מאָטיוון. די ווייט־גרעסטע מערהייט פון די ענגלישע און אויך פון די אויסלענדישע חברים אין לאָנדאָן זיינען געווען בפירושע קעגנער פון דער מילחמה, און דער אומשטאַנד, וואָס אייניקע אָנהענגער פון דער מילחמה האָבן צופעליק באלאנגט צו די גרינדער פונעם בלאט, איז נישט געווען קיין מאָטיוו, אַז מ'זאָל זיי איבערגעבן די צייטונג. קיל האָט ביידע צדדים געגעבן די פולע מעגלעכקייט אַרויסצוזאָגן זייער מיינונג אינעם „פרידאָם" און ער האָט פונקט אזוי פאַרעפנטלעכט קראָפּאָטקינס און טשערקעסאָווס אַרטיקלען וועגן זייער שטעלונג צום קריג, ווי די ענטפערס פון מאַלאַטעסטאַ און פון די אַנדערע. מ'האָט אים טאַקע דעריבער ניט גע־

קאָנט אויסוואָרפן, אַז ער האָט אייגנוויליק אונטערדריקט די מיינונג פון איין צד אָדער פון אַנדערן. דאָס איז אויך געווען מאַלאַטעסטאַס און נעטלאַוס מיינונג.

בשעת דעם קריג איז „פרידאָם" גאַנץ אָפּט באַלעסטיקט געוואָרן פון דער צענזור און קיל האָט אפילו געמוזט פאַרברענגען אייניקע חדשים אין תפיסה. אָבער ער איז שטענדיק פאַרבליבן אויסגעהאַלטן און האָט אפילו דעם זיגערישן באָלשעוויזם נישט געמאַכט די מינדסטע קאָנצעסיע, נייערט איז געגאַנגען שטאַנדהאַפטיק אויף זיין גראָדן וועג אין אַ צייט, ווען אפילו אייניקע אַנאַרכיסטן זיינען פאַרבלענדט געוואָרן פונעם דערפאָלג אין רוסלאַנד און האָבן געגלייבט, אַז די אַזויגערופענע דיקטאַטור פונעם פראָלעטאַריאַט דאַרף זיין בלויז די איבערגאַנגס־סטאַדיע צו אַ פרייערער געזעלשאַפט. אין די יאָרן נאָך דער מילחמה האָט קיל געהאַט אַ ווערטפולן מיטאַרבעטער אין וו. צ. אָוען ביז צו זיין טויט, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ענגלאַנד נאָך אַ לאַנגיעריקן אויפהאַלט אין אַמעריקע. אין יאָר 1927 איז קיל געווען געצוווּנגען אָפּצושטעלן דעם „פרידאָם", נאָכדעם ווי ער איז דערשינען רעגלמעסיק אין משך פון 41 יאָר צייט. ער האָט זיך דעמאָלסט צוריקגעצויגן אין דער וויטעווי־קאָלאָניע אין גלאָוסעסטערשייר, איז אָבער די גאַנצע צייט געשטאַנען אין נאָענטע באַציונגען מיט דער לאָנדאָנער באַוועגונג און ער האָט אין זיין נייעם וווינאָרט אַ געוויסע צייט אַרויסגעגעבן דעם „פרידאָם"־ביולעטין", רעכענענדיק, אַז ער וועט פריער אָדער שפּעטער קאָנען באַווייזן אַרויסצוגעבן דעם „פרידאם" אין זיין אַלטן פאָרמאַט. ווען איך און מילי האָבן אין יאָר 1933 געמוזט פאַרלאָזן דייטשלאַנד און אונטערוועגס אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, האָבן מיר זיך באַגעגנט דאָס לעצטע מאָל מיטן אַלטן קעמפער. מיר האָבן זיך אויך שפּעטער פון צייט צו צייט איבערגעשריבן, ביז ס'איז צו אונדז אָנגעקומען די ידיעה וועגן זיין טויט. קיל איז געשטאָרבן אין וויטעווי־קאָלאָני אין יוני 1938 אין 72־יעריקער עלטער, נאָכדעם ווי ער האָט במשך פון מער ווי פערציק יאָר אַוועקגעגעבן זיינע בעסטע כוחות פאַר דער פרייהייטלעכער באַוועגונג.

נעבן „פרידאָם" זיינען אין דער צייט פון מיין לאָנדאָנער אויפהאַלט נאָך אַרויסגעגאַנגען פאַרשידענע אַנדערע אַנאַרכיסטישע חודש־בלעטער, אַזעלכע ווי „טאָרטש", „ליבערטי", „דהי העראָלד", „אָוו רעוואָלט", וועמען ס'איז אָבער נישט באַשערט געווען קיין אריכת ימים. דער „טאָרטש", וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון די צוויי שוועסטער ראָסעטטי, צוויי אָפּשטאַמיקע פון דער באַקאַנטער ענגליש־איטאַליענישער פאַמיליע פון קינסטלער, איז דערשינען מיט איבעררייסן פון 1891 ביז 1896. צו אָטדעם קליינעם קרייז זיינען אויך געשטאַנען זייער נאָענט אייניקע איטאַליענישע חברים, באַזונדערס מאַלאַטעסטאַ און גאָרי. דער חודשניק „ליבערטי", וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דזשיימס טאָקאָטי, האָט זיך געהאַלטן צוויי יאָר צייט, פון 1894 ביז 1896. צו אים איז געשטאַנען גאָר באַזונדערס נאָענט די שטאַרק־טאַלענטירטע דיכטערין ל. ס. בעווינגטאָן. טאָקאָטי האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ גאַנץ היפּשע צאָל גוטע פראָפּאַגאַנדע־שריפטן, צווישן זיי וויליאַם מאָריסעס אייניקע קלענערע אַרבעטן.

אויך די סינדיקאַליסטישע וואָכנשריפט „וואָיטשע אָוו לייבאָר", וועלכע האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אין 1907, האָט זיך לאַנג נישט געקאָנט האַלטן, הגם זי האָט אינעם יונגן חבר דזשאָרזש באַררעט געהאַט אַ פעיקן רעדאַקטאָר און אויך אַ היפּשע צאָל גוטע מיטאַרבעטער, צווישן זיי אויך דזשאָן טוירנער. די צייטונג איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער „פרידאָם"־גרופּע און איז די גאַנצע צייט אַדמיניסטרירט גע־וואָרן פון ט. ה. קיל.

נעבן דער לאָנדאָנער באַוועגונג האָט נאָך אין מיין צייט עקזיסטירט אַ זייער לעבעדיקע באַוועגונג אין דער פּראָווינץ, וועלכע איז געשטאַנען אין נאָענטע באַציונ־גען מיט דער באַוועגונג אין לאָנדאָן. ס'זיינען געווען אַנאַרכיסטישע גרופּן אין גלאַז־גאָו, פּייזלי, עדינבורג, דוינדי, אבאַרדין, ניוקאַסטלי, ליווערפּול, מאַנטשעסטער, שעפעלד, לידז, באָלטאָן, האַל, נאַרוויטש, בירמינגהאַם, לעסטער, בריסטאָל, פּליימיט, קאַרדיף, בעלפאַסט און אַ סך אַנדערע קלענערע שטעט. די־אָ גרופּן האָבן געפירט אַ לעבהאַפטע מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע און האָבן פאַרשפּרייט אונדזערע צייטונגען און בראָשורן. כימעט יעדע שטאָט האָט געהאַט אייניקע גוטע פאָלקסרעד־נער, וועלכע זיינען במשך פון אַ סך יאָרן כסדר געווען אַקטיוו, אַזעלכע ווי טאָם בעל, בלער סמיט, טש. קין, דזש. באַררעט, י. מאַקאַראַ, ה. דונקאַן אין שאָטלאַנד און פּ. טאַננער, ס. העראָן, ס. פּאָקס, מ. סאָליד, וו. מאַקווין, א. דעפּרעס, מ. קאַוואַנאַ, מ. אָשעוו, י. דיק, און אייניקע אַנדערע, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר דער באַוועגונג אויף אַזאַ צי אויף אַן אַנדערן אופן אין פאַרשידענע טיילן פון ענגלאַנד. נאָכן אינ־טערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין אַמסטערדאַם איז אין דער פּראָווינץ געשאַפן געוואָרן אַ פעדעראַציע פון ענגליש־רעדנדיקע אַנאַרכיסטן, וועמעס גרינדונג ס'איז סטימו־לירט געוואָרן דורך אונדזער ביוראָ.

צווישן די חברים, וועלכע האָבן דעמאָלט אַקטואירט פאַר אונדזער אידעאַל אין שאָטלאַנד און פאַרבייגייענדיק אויך אין לאָנדאָן, פאַרדינט באַזונדערס דערמאָנט צו ווערן טאָם ה. בעל. ער איז געווען אַ מענטש פון אומצווייפלבאַרער ערלעכקייט און באַזונדערס אַ דורכויס אומאָפּהענגיקער און אָריגינעלער דענקער, וועלכער האָט גע־האָט אַ סך און אַרומנעמענדיקע קענטעניש. טאָם בעל איז געבוירן געוואָרן אין 1867 אין עדינבורג און נאָך ווי אַ גאָר יונגער מענטש איז ער געקומען אין קאָנטאַקט מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. זיין ערשטע טעטיקייט אין אָט־דער ריכטונג האָט ער אָנגעהויבן אין דער „סקאָטיש לאַנד און לייבאָר־ליג". אין זיין יוגנט האָט ער געהאַט בדעה זיך צו ווידמען צום שיפּבוי. פאַר דעם צוועק איז ער געוואָרן אַן אינזשיניער און האָט, ווי אַ מאַטראָז, געמאַכט רייזעס אין די לענדער פונעם מיטללענדישן ים, דרום־אַפריקע, מעקסיקע און פאַראייניקטע שטאַטן. זיינע קענטענישן אין דער פראַנצויזישער, שפּאַנישער, איטאַליענישער און דייטשער שפּראַך האָבן אים דערמעגלעכט זיך צו באַקענען מיט די סאָציאַלע באַוועגונגען אין די פאַרשידענע לענדער. ווי אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן ווילן און מיט אַן אינערלעכער נייגונג צו עפנטלעכער טעטיקייט, האָט ער באַלד איינגעזען, אַז דער אומשטאַבילער לעבנסשטייגער ווי אַ מאַטראָז איז נישט צוגעפּאַסט פאַר זיינע צוועקן. נאָכדעם ווי

ער איז ביים סוף פון די אַכציקער יאָרן אין פּאַריז געוווּנען געוואָרן פאַר די אַנאַר־כיסטישע אידעען, האָט ער זיך באַלד נאָכדעם באַזעצט אין לאָנדאָן, ווו ער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער „פרידאָם"־גרופּע און דאָרט אָנגעהויבן זיין ערשטע אַקטיוויטעט פאַר די נייע אידעען.

אין 1892 האָט זיך טאָם בעל אומגעקערט קיין עדינבורג, ווו ער האָט צוזאַמען מיט זיינע פריינט בלער סמיט און מעקקייב אָנגעפירט אַן אַקטיווע פּראָפּאַגאַנדע. אין יענער צייט איז ער געשטאַנען אין זייער נאָענטן קאָנטאַקט מיטן באַקאַנטן גע־לערנטן פּעטריק געדס און מיט זיין קרייז פון יונגע סטודענטן, וועלכע האָבן אין יענער צייט אָנגעפירט אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט פאַר אַ גרינטלעכער רעפאָרם פונעם דערציונגסוועזן, דעמאָלט איז טאָם בעל אויך געוואָרן אַ נאָענטער פריינט מיט פּאָל רעקליו, וועלכער האָט אין יענע יאָרן געוווינט אין עדינבורג ווי אַ פּאָלי־טישער פליט. דורך אים האָט ער זיך אויך פאַרזענלעך באַקאַנט מיט זיין פאָטער, עליע רעקליו, און מיט זיין פעטער, עליזע רעקליו, דעם באַרימטן געאָגראַף און אַנאַרכיסט, וועלכע זיינען אויף געדס איניציאַטיוו איינִיקע מאָל געקומען קיין עדינ־בורג, ביכדי אין דער דאָרטיקער אוניווערזיטעט צו לייענען לעקציעס.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט זיך טאָם בעל ווידער באַזעצט אין לאָנדאָן, ווו ער האָט אין יאָר 1898 באַקומען אַ שטעלע ווי אַ פּריוואַט־סעקרעטאַר ביים באַקאַנטן שריפטשטעלער פרענק הערים, אַ שטעלע, וועלכער ער האָט אָנגעהאַלטן זיבן יאָר צייט. אויף אַזאַ אופן איז ער געקומען אין נעענטערן באַריר מיט אַזעלכע באַקאַנטע מענער פון דער ענגלישער ליטעראַטור ווי בערנאַרד דזש. שאָו, עדוואַרד קאַרפּענ־טער, האַוועלאָק עליס און אַנדערע. שפּעטער האָט ער לעבעדיק באַשריבן זיינע איינדרוקן פון יענער צייט אין אַ גרויספאַרנעמיקן בוך וועגן אָסקאַר ווײַלד און פרענק הערים, אַ ווערק, וועלכעס איז ביז איצט אַרויס בלויז אין דער שפּאַני־שער שפּראַך אין בוענאָס איירעס.*) דער אוממיטלבאַרער מאָטיוו פאַר דעם ווערק איז געווען פרענק העריסעס באַקאַנטע ביאָגראַפיע וועגן אָסקאַר ווײַלד, וועלכע האָט טאָמען שטאַרק אויפגעבראַכט, ווייל ער האָט געוווסט, אז הערים האָט בכיוון צעקרומט ווײַלדס פּערזענלעכקייט.

נעבן העריסן האָט טאָם געמאַכט איינִיקע ביטערע דערפאַרונגען; ער האָט איינ־געזען, אַז די גרויסקייט פונעם טאַלענט איז נישט תמיד קיין מאָס צו מעסטן די גרויסקייט פונעם כאַראַקטער. פונדעסטוועגן וואָלטן אים זיינע פּערזענלעכע חילוקי־דעות מיט העריסן מיסתמא נישט געווען באַוויגן זיך מיט אים עפנטלעך אָפּצו־רעכענען, ווען הערים וואָלט דעם טויטן ווײַלד נישט געווען אַוועקגעשטעלט אין אַזאַ ליכט, וועלכעס האָט, לויט זיין מיינונג, אכזריותדיק פאַרגוואַלדיקט דעם היסטאָרישן אמת. אונטער אָט־דעם איינדרוק האָט ער באַשלאָסן אָנצושרייבן זיין בוך. ער האָט מיר אין זיין צייט געגעבן איבערצולייענען דעם מאַנוסקריפּט, וועלכן איך האָב טאַקע געלייענט. ס'איז געווען אַ גרינטלעכע, אָבער גוט־פאַרדינטע אָפּרע־

*) Oscar Wilde, por Thomas H. Bell, Editorial "Americalee", B. Aires.

כענונג מיט העריסן און איינצייטיק אַ וואַרעמע, מיט גרויסער מענטשלעכער פּאַר־שטענדעניש אָנגעשריבענע שילדערונגען פון ווילדס אייגנאַרטיקער פּערזענלעכקייט, וועמעס פרייהייטלעכער אידעאָלאָגיע ער האָט אָפּגעגעבן צוויי גרויסע קאַפּיטלעך פון זיין בוך.

טאָם בעל איז אין יאָר 1905 געקומען קיין ניו־יאָרק, ווו ער האָט אין משך פון פינף יאָר צייט אָפּגעגעבן פאַר דער באַוועגונג זיינע בעסטע כוחות, הגם ער האָט כמעט יעדן טאָג געהאַט צו ליידן פון שווערע אַסטמאַטישע אָנפאַלן, אַ שלאַפ־קייט, פון וועלכער ער האָט געליטן נאָך אין זיינע יוגנט־יאָרן. ווען זיין קראַנקייט האָט זיך צוליב דעם פייכטן קלימאַט אַזוי שטאַרק פאַרערגערט, אַז ס׳איז אים גע־ווען אוממעגלעך צו פאַרבלייבן לענגער אין ניו־יאָרק, האָט ער זיך אין 1911 באַ־זעצט מיט זיין פאַמיליע אין אַריזאָנאַ, ווו ער האָט אין דער געגנט פון פעניקס צען יאָר צייט געהאַלטן אַ קליינע באַוול־פּלאַנטאַציע. נאָך פון לאַנג פריער האָט ער געהאַט באַשלאָסן זיך אָפּצוגעבן מיט געמישטער לאַנדווירטשאַפט און פאַר דעם צוועק האָט ער דורכגעפירט פאַרשידענע אַגראַנאָמישע פאַרשאַרבעטן, צו וואָס ער איז בעיקר סטימולירט געוואָרן דורך קראָפּאָטקינס „פעלדער, פאַבריקן און ווערק־שטאַטן״. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, און ער האָט באַוויזן צו מאַכן אַלע פאַרמער פון דער געגנט פאַר זיינע פריינט און ס׳איז אים געלונגען צו געווינען זיינע שכנים פאַר קאָאָפּעראַטיווע פּלענער. די קליינע באַוול־פּלאַנטאַטאָרס פון יענער געגנט האָבן נאָך אַלץ געאַרבעט לויט גאַנץ פּרימיטיווע מעטאָדן, וועלכע האָבן זיי געצווונ־גען אַוועקצופירן אויפן מאַרק זייערע אויסאַרבעטונגען אין אַ האַלבפאַרטיקן צושטאַנד און צוליב דעם פלעגט אַ היפּשער טייל פון זייערע אַרבעטס־הכנסות פאַרלוירן ווערן.

האָט טאָם ביי זיי געפּועלט, אַז זיי זאָלן זיך בשותפות קויפן אַ מאַשין, אַזאַ מין אַזויגערופענעם „קאָטטאָן דזשין״, אַז זיי זאָלן אַליין זיין אימשטאַנד אָפּצורייניקן דעם באַוול, פון וואָס אַלע האָבן נאַטירלעך געהאַט נוצן. שפּעטער האָט ער צוזאַמען מיט זיינע נייע פריינט געשאַפן אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו, ביכדי זיי צו מאַכן אומ־אָפּהענגיק פון פאַרמיטלער, אינוויוויט דאָס איז מעגלעך געווען. ער האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז די פאַרמער זאָלן באַקומען נייע גייסטיקע סטימולן, וועגן וועלכע זיי האָבן פריער לגמרי נישט געוווסט. פאַר דעם צוועק האָט ער געגרינדעט אַ פאָרום, ווו די דאָרפישע באַפעלקערונג פון דער געגנט פלעגט זיך יעדע וואָך צונויפקומען, ביכדי זיך דורכצושמועסן וועגן די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון דער צייט און ער האָט דורך אָט־דער פּראַקטישער דערציונגס־אַרבעט צווישן די דאָזיקע פשוטע, אָבער אומפאַרדאָרבענע מענטשן דערגרייכט איבער־ראַשנדיקע רעזולטאַטן. ער האָט מיר שפּעטער איינמאָל דערציילט, אַז יענע צען יאָר געהערן צו די שענסטע פון זיין לעבן, מחמת זיי האָבן אים געלערנט, וועלכע מעטאָדן מ׳דאַרף באַנוצן, ביכדי די פרייהייטלעכע געדאַנקען מאַכן צוגענגלעך צו דער דאָרפישער באַפעלקערונג, וועלכע קאָן קיינמאָל נישט געוווּנען ווערן דורך די אָנגע־נומענע פראַזן און לאָזונגען פון דער פּראָפּאַגאַנדע, נייערט איבערצייגט ווערן בלויז דורך דער פּראַקטישער אָנשויונג־לעקציע. רייך־פאַמיליאַרע עיינינים זיינען עס גע־

וען, וועלכע האָבן אים באַוויגן צו פאַרלאָזן אַריזאָנאַ און זיך צו באַזעצן אין לאָס אַנדזשעלעס, ווו ער האָט פאַרבראַכט די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן.

אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג איז טאָם בעל געוועזן אַ קאַפּיטל פאַר זיך. ווי אַן אינטעלעקטועלער און אומאָפּהענגיקער דענקער האָט ער באַלאַנגט צו די ווייניקע אין צאָל, וועלכע האָבן אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן קיינמאָל נישט אויפגעגעבן דאָס לערנען און שטענדיק געזוכט נייע פּערספּעקטיוון. טאָם האָט גע־לייענט אַ סך און געהאַט אַרומנעמענדיקע קענטעניש אויף פאַרשידענע געביטן. יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט אָדער געשריבן, איז געווען דורכגעטראַכט און געהאַט אַ דורכזיכטיקע לויטערקייט און קלאָרקייט. זיין שפּראַך איז געווען פּלאַסטיש און איינדרוקספול, וואָרן ער האָט געהאַט אַ פיינעם חוש פאַר שפּראַך, וועלכער האָט אים תמיד צוגעהאָלפן צו געפינען דעם ריכטיקן אויסדרוק. דאָס לעצטע מאָל, ווען איך האָב אים געהערט רעדן, איז געווען אייניקע יאָר פאַר זיין טויט אויף אַ גוט־באַזוכטן באַנקעט, וועלכן אונדזערע חברים אין לאָס אַנדזשעלעס האָבן אַראַנזשירט לכבוד בערטראַנד רוסעל. ער האָט נישט גערעדט מער ווי פופצן ביז צוואַנציק מינוט, אָבער זיינע ווערטער זיינען געווען אַזוי גייסטפול און פון אַזאַ עפּיגראַמאַטי־שער פּשטות, אַז זיי זיינען אונדז אַלע פאַרבליבן אומפאַרגעסלעך.

נישט געקוקט אויף זיין אַזוי שטאַרקער באַלעזנקייט, איז אָבער טאָם בעל נישט געווען קיין ביכער־וואָרעם. זיינע גרויסע דערפאַרונגען און זיין אומדערמיד־לעכע אַקטיוויטעט אינעם פּראַקטישן לעבן האָבן אים באַשירעמט קעגן יעדן מין דאָגמאַטישקייט. ער האָט געוווסט, אַז די דערפאַרונג גופא איז די מוטער פון יעדער בייער דערקענטעניש און אַז די וועלט קאָן ניט דערלייזט ווערן מיט אבסטראַקטע טע־אָריעס. ער האָט נישט געהאַלטן נישט פון קיין היסטאָרישע ווייטוואנדיקייטן און אויך נישט פון אומפאַרענדערבאַרע אני־מאמינס; און ער איז דערפאַר געווען אַן אַנאַרכיסט, ווייל ער האָט איינגעזען מיט דער גאַנצער גרינטלעכקייט, אַז דאָס לעבן קאָן מען נישט צובינדן צו באַשטימטע דאָגמעס, נישט קיין חילוק, צי ס'האַנדלט זיך דערביי וועגן קאָנסערוואַטיווע טראַדיציעס אָדער וועגן דאָקטרינערע אַנשויונגען פון זיינע אייגענע חברים. יעדער מין אינטעלעקטועלע אפּוטרופּסות איז אים בטבע געווען דערווידער. דעם אַנאַרכיזם האָט ער דעפינירט ווי „אַ דאָקטרין פון דער פרייהייט, וועלכע איז זיך סומך אויף דער באַוווסטזיניקער אחריות פונעם מענטשן פאַר זיינע מעשים". די פרייהייט איז פאַר אים געווען דער פאָרויסיקער תנאי פאַר יעדער געזעלשאַפט־לעכער און גייסטיקער אומאָפּהענגיקייט.

טאָם בעל האָט קיינמאָל נישט באַלאַנגט צו אַ באַשטימטער אַנאַרכיסטישער שיטה, הגם ער איז געשטאַנען צום נאָענטסטן צום מוטואַליזם. דעריבער האָט ער אַרויסגעוויזן די גרעסטע פאַרשטענדעניש צו אַלע באַוועגונגען, וועלכע האָבן געהאַט אין זייער פּראָגראַם די פרייוויליקע פאַראייניקונג און די בשותפותדיקע אַרבעט און גאָר נאָענט איז ער תמיד געווען צום גילדנסאָציאַליזם און צום קאָאָפּעראַטיוויזם. זיינע שריפטלעכע אַרבעטן זיינען צעוואָרפן אין די פרייהייטלעכע צייטשריפטן פון ענגלאַנד און אַמעריקע פאַר כימעט פופציק יאָר צייט. וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן,

איז געווען תמיד סטימולירנדיק און וואָגיק אין אינהאַלט. זיין אויסגעצייכנטע אַרבעט ביי דער געלעגנהייט פון פּאַטריקס געדעסעס טויט, דער אויסגעצייכנטער מאמר וועגן עדוואַרד קאַרפּענטער און אַ סך אַנדערע זיינען די בעסטע עדות דערפאַר.

טאָם בעל איז געווען אַ געבוירענע קעמפערישע נאַטור, וועלכער איז געווען טעטיק פאַר זיינע איבערצייגונגען ביז צום סוף. ער האָט געהאַט אַ סך פריינט און נישט ווייניק קעגנער, אָבער יעדער האָט רעספּעקטירט זיין אומפאַרקויפבאַרע ערלעכקייט און די אויפריכטיקייט פון זיין אידעאָלאָגיע. ער האָט זיך געהאַט שטאַרק געענדערט, ווען איך האָב אים באַזוכט אין לאָס אַנדזשעלעס נאָך אַ סך יאָרן, מחמת די איינגעביסענע קראַנקהייט, וועלכע האָט אים אין משך פון גאַנצן לעבן זיינעם נישט אָפּגעלאָזט, האָט אים שווער פאַרמאַטערט, אָבער גייסטיק האָט ער זיך נאָך אַלץ געהאַלטן אויף דער שטענדיקער הויך און אויך זיין אויסערלעך אויסזען האָט נאָך אַלץ געמאַכט דעמזעלביקן שטאַרקן איינדרוק. די געדיכטע רויטלעך־בלאָנדע האָר און די געדיכטע באָרד זיינען שוין געהאַט געוואָרן היפּש גרא און די איבער זעקספוסיקע געשטאַלט איז שוין געווען אַביסל געבוקט. אָבער דער פּראַכט־פולער קאָפּ מיטן שמאָלן פיינגעשניצטן פּנים און די שטראַלנדיקע אויגן וואָלטן נאָך אַלץ געווען באַטראַכט געוואָרן פון יעדן מאָלער ווי אַן אַנגעלייגטער מאָדעל.

טאָם בעלס לעבן איז קיינמאָל נישט געווען אויסגעבעט אויף קיין רויזן. אָבער באַזונדערס שווער איז אים אויסגעקומען צו ראַנגלען זיך מיט דער נויט פון עם גורל אין די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן. נאָך היינט איז פאַר מיר אומבאַגרייפלעך, ווי אַזוי דערדאָזיקער שווער־קראַנקער מענטש האָט ביז צום סוף פון זיין לעבן געקאָנט כסדר אויפטרעטן ווי אַ רעדנער. איך האָב נישט איינמאָל געזען, ווי ער פלעגט בעתן רעדן באַקומען אַטאַקעס פון דערשטיקונג און ער פלעגט זיך אַליין מוזן מאַכן איינשפּריצונגען, ביכדי צו קאָנען רעדן ווייטער. ער איז געשטאָרבן אין מאַי 1942 אין לאָס אַנדזשעלעס אין עלטער פון 73 יאָר. מיט אים איז אַוועק אין דער אייביקייט איינער פון די גייסטפולסטע און אומדערמידלעכסטע קעמפער פאַרן פרייהייטלעכן סאָציאַליזם.

חוץ דער אייגנטלעכער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין ענגלאַנד זיינען אויך אין יענע יאָרן געווען געוויסע קלענערע גרופּן אָדער באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע זיינען לויט זייערע געפילן און אופן פון דענקען געווען נאָענט צו דער אַנאַרכיסטישער אידעאָלאָגיע און נישט פאַרהוילן זייער סימפּאַטיע. צו זיי האָבן באַלאַנגט י. מאָריסאָן דייווידזאָן, דער מחבר פון אַ לאַנגער שורה באַקאַנטע שריפטן, צווישן זיי „דהי ניו בעק וויקינגס", „סקאָטיאַ רעדיוויוואַ", „דהי גרעיט לייאינג־טשערטש", „דהי בוק אָוו לאָרדס" און דזשאָן קינוואַרטי, דער מחבר פון „דהי אָטאָנאָמי אָוו מיסער", „פּראָם באָנדהוד טו בראָדערהוד" א״אַ. דייווידזאָן און קינוואַרטי זיינען געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון טאָלסטאָיס געדאַנקען און פלעגן אויך אָפט אָנגערופן ווערן קריסטלעכע אַנאַרכיסטן. אויך דער באַקאַנטער זשורנאַליסט העגרי וו. נעווינסאָן מוז דאָ דערמאָנט ווערן. ער איז געשטאַנען נאָענט צו דער „פרידאָם"־

גרופּע און אינדערמיט פון די נײַנציקער יאָרן האָט ער באַלאַנגט צו די מיטאַרבע־טער פון „פרידאָם". איך דערמאָן זיך נאָך אין אַ קורצער רעדע זײַנער אויפן באַנ־קעט אין שייכות מיט דער פײַערונג פונעם 25סטן יאָר פון „פרידאָמס" עקזיסטענץ (1911), אין װעלכער ער האָט ספּעציעל אונטערגעשטראָכן, װעלכן אײַנפלוס די צײַ־טונג האָט געהאַט אויף זײַן אײגענער גײסטיקער אַנטװיקלונג.

די ריכטונג פונעם אינדיװידואַליסטישן אַנאַרכיזם איז אין די אַכציקער און אין דער ערשטער העלפט פון די נײַנציקער יאָרן בעיקר רעפּרעזענטירט געװאָרן דורך הענרי סיימור, אַלבערט טאַרן, װיליאַם דזשילמור, ראָבערט האַרדינג, װאָרדס־װאָרט דאָניסטאָרפ און אײניקע אַנדערע; זי האָט חוץ אײניקע קלענערע שריפטן אויך אַרויסגעגעבן אײניקע אײגענע בלעטער, װעלכע האָבן אָבער נישט געהאַט קײן לענגערן קיום; זי האָט אין מײַן צײַט אין ענגלאַנד שוין כמעט נישט עקזיס־טירט. אויך די קלענערע ריכטונג פונעם „װאָלונטאַריזם", װעלכע ס'האָט בעיקר רע־פּרעזענטירט אָבעראָן הערבערט, דער מחבר פון „אַ פּאָליטישען אין סײַט אָװ הײַ־װען; ביאינג איי פּראָטעסט עגענסט גאָװערנעמענט אָװ מאַן בײַ מאַן", איז שוין דעמאָלט אויסגעװוען איר צײַט. דערפֿאַר זײַנען אין יענער צײַט געװען צו מערקן געװיסע פּרעכטיקע פרײַהײטלעכע שטרעמונגען אין דער אַלגעמײנער ליטעראַטור פון יענער צײַט, אַזעלכע װי אין אַ סך אַרבעטן פון האַװעלאָק עליס, אין פּרענסיס אַדאַמס „סאָנגס אָװ דהי אַרמי אָװ טי נײַט" און אין אָסקאַר װײַלדס „דהי סאָול מען אַנדער סאָשיעליזם" אאַ״װ.

צום קלאָרסטן אָבער זײַנען יענע געדאַנקען געקומען צום אויסדרוק אין די שריפטן פון עדװאַרד קאַרפּענטער, ספּעציעל אין אַזעלכע װערק זײַנע װי „טיואַרדס דימאָקראַסי", „ענגלאַנדס אײדיאַל, — סיװיליזיישאָן: איטס קאָוזאַנד קיור, לאָוס קאָמינג אָװ אײדזש"; „פּריזאָנס פּאָליס ענד פּונישמענט"; „דהי אַרט אָװ קריאײשאָן" און אײניקע אַנדערע. בײַ קאַרפּענטערן האַנדלט זיך דאָ נישט װעגן אַ פּאַרבײַגײענדי־קער נײגונג אָדער אַן אָנרעגונג, װי מ'קאָן דאָס אָפט געפינען בײַ פּאָעטן מיט אַ נײגונג צו פילאָזאָפיע, נײַערט אין אַ סאָציאַלן באַנעם, אַ דורכגעטראַכטן אין אַלע פּרטים, װעלכן מ'קען נישט באַצײכענען אַנדערש װי אַנאַרכיסטיש.

קאַרפּענטיער האָט געשטאַמט פון די אויבערשטע שיכטן פון דער ענגלישער געזעלשאַפט. צום סאָציאַליזם האָט אים געפירט נישט די נויט פונעם לעבן, נײַערט דאָס אויפגעװאַכטע געװיסן. אָבער זײַן סאָציאַליזם האָט זיך נישט אויסגעדריקט אין אַ פעסט־באַשטימטן פּאַרטײ־פּראָגראַם און אַודאי נישט אין רײן־עקאָנאָמישע קאָנ־צעפּטן, װעלכע צילן צו דער ענדערונג פון די אויסערלעכע לעבנס־באַדינגונגען. פאַר אים איז דער סאָציאַליזם געװען גיכער אַ װידערגעבורט פון אַן אַלצאַרומנעמענדיקן הומאַניזם אין אַ מאָדערנעם געװאַנט, אַ באַנײַונג פונעם עטישן באַװוסטזײַן, װעל־כער געפינט זײַן טיפסטן אויסדרוק אינעם מענטשס געפיל פאַר גערעכטיקײט. ער האָט אויך נישט געגלייבט אין דער ממשלה פון באַשטימטע עקאָנאָמישע געזעצן, װעלכע װעלן מיט אינערלעכער נויטװענדיקײט מוזן דערפירן צום סאָציאַליזם; ער איז פיל מער געװען איבערצײַגט, אַז די איבעראַנדערשונג פונעם געזעלשאַפטלעכן

לעבן איז גיכער אָפּהענגיק פונעם שטייגנדיקן אינערלעכן באַוווסטזיין פון די מענטשן, וועלכעס מאכט זיי עמפּפינדלעך פאַרן העכערן צוועק פון זייער עקזיסטענץ. צוליב דעם טאַקע איז ער געווען ווייט פון דער פּרעטענזיע צו באַטראַכטן דעם סאָציאַליזם ווי אַ נייע וויסנשאַפט; אדרבא, ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכער האָט אונטערגעוואָרפן דאָס וויסנשאַפטלעכע דענקען פון אונדזער צייט אונטער אַ שאַרפער קריטיק און גערופן די אויפמערקזאַמקייט אויף געפאַרן, וועלכע מ'האָט געהאַט שטאַרק גרינגגעשעצט. ער איז נישט געווען קיין קעגנער פון דער וויסנשאַפט, אָבער ער האָט פּראָטעסטירט קעגן די פּרוּוון צו געבן דער וויסנשאַפט אַן אַבסאָלוט אָפּגעזונדערטע פּאָזיציע, וועלכע איז פאַר אים געווען פּונקט אַזוי אומדערטרעגלעך ווי דער אַבסאָלוטיזם אויף יעדן אַנדערן געביט. ער האָט געוווּסט, אַז די וויסנשאַפט קאָן אין בעסטן פאַל זיין נאָר אַ פּרווו צו געפינען אַ דערקלערונג פאַר זאַכן פון לעבן און אירע פּראַקטישע רעזולטאַטן מאַכן ניצלעך פאַרן מענטשן. טאַקע דערפאַר האָט ער איינגעזען, אַז זי קאָן האָבן נאָר אַ רעלאַטיוון באַטייט, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פּרוּוון פונעם מענטשלעכן געדאַנק.

קאַרפּענטיער האָט צום טיפסטן דערקאַנט דעם אינערלעכן שייכות פון די עווענטועלע פּאָליטישע פאָרמען פון הערשאַפט פון אַ געוויסער צייט און די פאַרשידענע סיסטעמען פון עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע און ער האָט געוווּסט, אַז ביידע זיינען צונויפגעוואַקסן צווישן זיך ווי דער סיאַמער צווילינג. דער מאָנאָפּאָל פונעם אייגנטום און דער מאָנאָפּאָל פון דער ממשלה זיינען פאַר אים געווען בלויז פאַרשידענע אויסדרוקספאָרמען פון מענטשלעכער קנעכטשאַפט. ער האָט זיך אַליין טאַקע נישט באַצייכנט ווי אַן אַנאַרכיסט, אָבער ער האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, ווען ער איז פון אַנדערע אַזוי אָנגערופן געוואָרן. אין זיין אויסגעצייכנטן אויטאָביאָגראַפישן בוך „מיי דייס ענד דרימס" האָט ער אויסדריקלעך דערקלערט, אַז ער האָט דעם סאָציאַליזם קיינמאָל נישט באַטראַכט ווי אַ באַשטימטן סיסטעם אָדער אַ נייע רעגולירונג פון דער עקאָנאָמיע, נייערט ווי אַן אינערלעך דורכלעבעניש, ווי אַן אויפרוף צום געוויסן פון די מענטשן און באַזונדערס פון די רייכע. „אין דעם זין אַרבעט איך פאַר אים", האָט ער געזאָגט, „און פאַרן אידעאַל פונעם אַנאַרכיזם".

פּונקט ווי וויליאם מאָריס האָט אויך ער געגלייבט אין דער אַטראַקטיווער אַרבעט ווי דער יסוד פון יעדער שעפערישער טעטיקייט און ווי אַ נייטיקער תנאי פאַר יעדן פרייען מענטשנטום. די מענטשלעכע קאָאָפּעראַציע האָט פאַר אים געהאַט אַ זין נאָר דעמאָלסט, ווען זי איז באַהערשט פון אָט־דעם אידעאַל און פאַרוואַנדלט נישט די אָרגאַניזאַציע אינעם הויפּט־צוועק פונעם לעבן. אַזוי האָט ער געאַרבעט ווי אַ דיכטער, דענקער און נביא, ביכדי אויפצוטרייסלען דאָס דרימלענדיקע געוויסן פון די מענטשן פון זיין צייט. אַ סך פון זיינע בעסטע שאַפונגען און לידער, באַזונדערס דאָס פּרעכטיקע „ענגלאַנד עריים! דהי לאַנג, לאַנג נייט איז אָוועך", זיינען אַריינגעדרונגען טיף אינעם פאָלק און האָבן נישט פאַרלוירן זייער ווירקונג. אין עדוואַרד קאַרפּענטיער זיינען געווען פאַרקערפּערט די בעסטע פרייהייטלעכע טראַדיציעס פונעם

ענגלישן פאָלק, וועלכע ער האָט אויף זיין אופן פונדאָסניי פאַרקערפּערט און ווייטער־אנטוויקלט.

ס'זיינען אויך אין יענער צייט אָפט פאָרגעקומען דיסקוסיעס צווישן אנארכיסטן און סאָציאַליסטן פון אנדערע ריכטונגען. אַזעלכע פרייע וויכוחים צווישן אָנהענגער פון פאַרשידענע אידעאָלאָגישע שטרעמונגען זיינען אין ענגלאַנד תמיד געווען באליבט און זיי פלעגן על־פּי־רוב דורכגעפירט ווערן מיט גרויסער זאכלעכקייט און קעגנזייטיקער טאָלעראַנץ, וואָס אין דייטשלאנד האָב איך אַזעלכעס קיינמאָל נישט געזען. דעריבער האָבן זיי תמיד געווירקט אויפמונטערנדיק און האָבן נישט וויניק צוגע־האָלפן צו דער אינערלעכער אויסלייטערונג פון די געדאַנקען. בלויז איין ריכטונג האָט געמאכט אן אויסנאַם פון אָט־דעם כלל, — די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּארטיי וועלכע האָט נישט נאָר איבערגענומען מארקס דאָקטרין, נייערט אויך די גאַנצע אויטאָריטערע אומטאָלעראַנץ פון זיין כאַראַקטער, און טאַקע דערפאר האָט זי אין ענגלאַנד קיינמאָל נישט געקאָנט דערגיין צו עפּעס אַן אָנהאַלט. דאָס, וואָס אַזעלכע באַקאַנטע סאָציאַליסטן ווי קעיר האַרדי און טאָם מען האָבן זיך אויף אַן אינטערנאַ־ציאָנאַלן קאָנגרעס (1893) אַרויסגעזאָגט קעגן דעם אויסשליסן אנאַרכיסטן און זיי האָבן אפילו געקאָנט אַרויסטרעטן ווי רעדנער אויף אַן עפנטלעכן פּראָטעסטמיטינג פון אַנאַרכיסטן, אַזעלכעס וואָלט אין יענער צייט און מיסתמא אויך היינט נאָך געווען אומדענקבאַר אין דייטשלאַנד. דאָס באַווייזט בלויז, אַז דער איינפלוס פון אַלטע ליבע־ראַלע טראַדיציעס אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז געווען פיל נוצלעכער ווי דער פּרייסישער קאַזאַרמע־גייסט אין אַ לאַנד, וועלכעס האָט, צום באַדויערן, קיינ־מאָל נישט געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַ וואָס־פאַראַ־ס'איז ליבעראַלע אָדער דע־מאָקראַטישע באַוועגונג, וועלכע זאָל ווערט זיין צו טראָגן אָט־דעם נאָמען. איך אַליין האָב מיין לאַנגן אויפהאַלט אין ענגלאַנד אַ סך צו פאַרדאַנקען און דאָרט באַקומען אַ סך סטימולירונגען, וועלכע האָבן באַפרוכפּערט מיין גייסטיקע אנטוויקלונג און פאַר־מיר צעעפנט נישט איין נייע פּערספּעקטיוו.

## געפערלעכע דערפאַרונגען מיט די נייע עמיגראַנטן

גאַנץ אייגנאַרטיקע דערפאַרונגען האָבן מיר געמאַכט מיט אַ סך יונגע חברים, וועלכע זיינען שוין געהאַט געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג אין רוסלאַנד, אָבער אונטערן דרוק פון דער מוראדיקער רעאַקציע, וועלכע איז געקומען נאָך דער בלוטיקער אונטערדריקונג פונעם מאָסקווער אויפשטאַנד פון יאָר 1905, זיינען זיי פאַרוואָרפן געוואָרן קיין לאָנדאָן. דעם רוב פון אָט־די יונגע מענטשן איז געווען שווער זיך איינצולעבן אין זייער נייער סביבה. אייניקע האָבן דאָס קיינמאָל נישט באַוויזן און זיי האָבן זיך שפּעטער ווידער אומגעקערט קיין רוסלאַנד, נישט געקוקט אויף די סכנות, וואָס האָבן דאָרט געלויערט אויף זיי; און אפשר איז עס טאַקע געווען די סכנה, וועלכע האָט פאַר זיי געהאַט אַזאַ צוציונגסקראַפט. מיר האָבן זיך געגעבן די גרעסטע מי צו פאַרלייכטערן דידאָזיקע יונגעלייט דאָס אַריינפּאַסן זיך אין די נייע פאַרהעלטענישן; אָבער דאָס איז נישט געווען אַזוי פּשוט ווי ס׳קאָן זיך אויסווייזן, ביפּרט, אַז צווישן זיי זיינען אויך געווען אַזעלכע, וועמען מ׳איז צום בעסטן געגאַנגען אויסן וועג, ווייל מ׳האָט קיינמאָל נישט געוווסט, וואָס פאַראַ מין מענטשן דאָס זיינען געווען. צו דעם האָט נאָך די אַזעוו־אַפּערע, וועלכע האָט דעמאָלסט אָנגעמאַכט אַזאַ טומל און איז אינדערהאַמתן קיינמאָל נישט ווי געהעריק אויפגעקלערט געוואָרן אין אירע אינערלעכע שייכותן, אַרויסגערופן אַ געוויסן אומצוטרוי, וועלכער איז נישט תמיד געווען אומבאַגרינדעט און וועלכן מ׳האָט נישט מיר־נישט דיר־נישט געקאָנט אוועקמאַכן מיט דער האַנט.

אַזוי איז אין אַ געוויסן טאָג געקומען קיין לאָנדאָן אַ געוויסער קאַראַל — מיר האָבן אים געקאָנט בלויז ביי אָט־דעם נאָמען — אַ זייער אומאַנגענעמער און געוואַלטיק פּראַלערישער פּערשוין, וועלכער איז יעדן איינעם דערגאַנגען די יאָרן און זיך באַלד מיט אַלעמען איינגעריסן. ער האָט נאָך צוריק מיט יאָרן געהאַט געלעבט אַ קורצע צייט אין לאָנדאָן און איז דעמאָלסט געווען פאַרוויקלט אין עפּעס אַן אומזיבערער געשיכטע, וועלכע האָט טאַקע גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט דער באַוועגונג, אָבער פונדעסטוועגן אוועקגעשטעלט זיין פּערזאָן אין גאָרנישט קיין שיינעם ליכט. קאַראַל איז דעמאָלסט מיטאַמאָל פאַרשווונדן געוואָרן פון דער סביבה און קיינער האָט נאָך אים נישט געטרויערט. שפּעטער האָבן מיר געהערט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד און דאָרט געשפּילט אַ געוויסע ראָל אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. און פּלוצים האָט ער זיך ווידער באַוויזן אין לאָנדאָן און געקומען איז ער ווי אַ שליח פון דער

„גרופּע אינטערנאַציאָנאַל" אין וואַרשע, וועלכע האָט אים געשיקט קיין אויסלאַנד, ביכדי צו קויפן געווער און צו באַזאָרגן די גרופּע מיט ליטעראַטור פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן.

אונדזערע אַלטע פאַרבינדונגען מיטן ווילנער קלעצקין־פאַרלאַג, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין פריער גערעדט, זיינען שוין לאַנג געווען איבערגעריסן, מחמת צוליב דער וואַקסנדיקער רעאַקציע האָט זיך יענער נישט געפילט גענוג זיכער אָנצוגיין ווייטער מיט אַזאַ אַרבעט. נאָך אַ שמועס מיט אונדז, האָבן מיר קאַראָלן צוגעשטעלט אַ געוויסן סכום פון אונדזערע בראָשורן. אָבער דאָס איז פאַר אים נישט געווען גענוג. האָבן מיר אים פאַרגעלייגט זיך צו באַנוצן מיט די סטערעאָטיפּן פון אונדזערע אויסגאַבן און אָפּצודרוקן פון זיי אַזוי פיל עקזעמפּלאַרן וויפל די גרופּע אין וואַרשע דאַרף האָבן. איז ער דערויף איינגעגאַנגען, אָבער ער האָט געוואָלט, אַז די גרופּע „אַרבייטער־פריינד" זאָל דעקן די הוצאות פאַרן פּאַפּיר און דרוק. דאָס איז אָבער געווען אוממעגלעך, וואָרן אונדזער באַוועגונג האָט כסדר געהאַט צו קעמפן מיט גרויסע פינאַנציעלע שוועריקייטן, ביכדי צו קאָנען דעקן אַלע הוצאות. חוץ דעם האָבן מיר פריער אין לויף פון אַ סך יאָרן כסדר געשיקט גרעסערע קוואַנטומס ליטעראַטור קיין רוסלאַנד, פאַר וועלכע מיר האָבן קיינמאָל נישט באַקומען אַפילו אַ גראָשן און אויך נישט דערוואַרט עפּעס פון דאָרט צו באַקומען. מער האָבן מיר אינדעראמתן נישט געקאָנט טאָן. ווען מיר האָבן אים בכן אָנגעוויזן רוּאיקערהייט אויף אונדזער פינאַנציעלן מצב, איז ער געוואָרן אומפאַרשעמט און אונדז דערקלערט, אַז אונדזער גאַנצע אַקטיוויטעט אין ענגלאַנד האָט לגמרי נישט קיין שום צוועק און אַז מיר דאַרפן אונדזער גאַנצע אַרבעט איינאָרדענען אַזוי, אַז מיר זאָלן נאָר העלפן די רוסישע חברים אין זייער שווערן קאַמף. עס איז דערביי געקומען צו גאַנץ שטאַרקע קריגערייען, און נאָכדעם, ווי מיר האָבן אים געגנוי קלאָר געמאַכט, אַז מיר קאָנען זיך באַגיין אָן זיינע עצות, איז ער אַן אויפגעברויזטער אַוועק.

נאָכדעם האָבן מיר אין משך פון אַ לענגערער צייט גאָרנישט געהערט פון אים, ביז מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה פון אַ חבר פון פּאַריז, אַז קאַראָל האָט זיך דאָרטן באַוויזן מיט אַ צייט צוריק און אַז ער לעבט דאָרט אויפן ברייטן שטייגער. מיט איינִיקע וואָכן שפּעטער האָב איך באַקומען אויף אַן אומדירעקטן אופן אַ בריוו פון וואַרשע מיט אַן אָנפרעג פון די דאָרטיקע חברים, צי איך קאָן זיי נישט געבן עפּעס אַ ידיעה, וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט קאַראָלן, מחמת שוין חדשים, ווי ער לאָזט פון זיך גאָרנישט הערן. אינעם זעלביקן האָט זיך אויך געזאָגט, אַז די גרופּע האָט אים געגעבן 4.000 רובל איינצוקויפן פאַר דעם געלט אין אויסלאַנד ליטעראַטור און אַנדערע זאַכן. איך האָב די חברים געענטפערט אין אַ לענגערן בריוו, אין וועלכן איך האָב זיי געלאָזט וויסן אונדזערע דערפאַרונגען מיט זייער שליח און דערביי אויך נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט אויסצודריקן פאַר זיי מיין חידוש, וואָס מ'האָט אַזאַ מין מענטשן פאַרטרויט מיט אַזאַ וויכטיקער מיסיע.

מיט אַ וואָך שפּעטער בערך האָב איך, ווי נ'קלאַפּט אין דער טיר פון מיין וווינונג. איך האָב געעפנט און קוים געוואָלט גלייבן מיינע אויגן, ווען איך האָב פּלוצים

געזעגן פאר זיך דעם פארשוווּנדענעם קאַראַל. איך האָב אים אַריינגעלאָזט אין צימער און אים אַביסל איראָניש געפרעגט אויף דער סיבה פונעם גרויסן כבוד פון זיין באַזוך. ער האָט אויסגעזען אביסל דערשראָקן און דערשלאָגן און נאָך לאַנגן פּלאָנטערן מיט דער צונג האָט ער מיר לסוף געלאָזט וויסן, אַז ער האָט דערפילט זיין מיסיע און איצט טראַכט ער וועגן צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד.

„נו, פאַרוואָס־זשע פאָרסטו נישט?" — האָב איך צו אים געזאָגט. — „צי גייט דיר טאַקע אין דעם, פריער פארן אָפּפאָר זיך צו געזעגענען מיט מיר?"

איצט ערשט איז ער אַרויסגעקומען מיט לשון און מיר דערציילט, אַז די זאַכן, וועלכע ער האָט געדאַרפט קויפן פאַר דער גרופּע, זיינען פיל טייערער ווי ער האָט געמיינט און ער האָט זיך אינגאַנצן פארשולדיקט. דעריבער זאָל איך אים זען צו העלפן און שאַפן פאַר אים דעם נייטיקן באַטרעף פאַר די רייזע־הוצאות, וועלכע ער וועט מיר אָפּשיקן, ווי נאָר ער וועט אָנקומען קיין ווארשע. איך האָב אים געפרעגט, וויפל געלט די חברים האָבן אים מיטגעגעבן אויפן וועג. „חוץ די רייזע־שפּייזן, בערך 200 רובל", האָט ער געענטפערט. האָב איך אַרויסגענומען פון מיין שרייבטיש דעם בריוו, וועלכן איך האָב באַקומען פון דער ווארשעווער גרופּע, און אים איבערגעגעבן צום לייענען. ער איז בעתן לייענען בלאַס געוואָרן ווי אַ מת. נאָכדעם האָט ער אַרויסגעשטאַמלט איי־ניקע נישט פארשטענדלעכע ווערטער און דערקלערט, אַז די ידיעות אינעם בריוו זיינען נישט ריכטיק. וואָס האָב איך געזאָלט טאָן מיט אזא געמיינעם שווינדלער? איך האָב אים דערלאַנגט עטלעכע געזונטע פּעטש און אים אַרויסגעוואָרפן פון צימער. דערמיט איז זיין ראָל אין לאָנדאָן געווען אָן אויסגעשפּילטע.

מיט אַ וואָך שפּעטער האָט ער זיך נאָכגעמאָל באַוויזן אין פּאַריז, אָבער אזוי ווי מיר האָבן שוין געהאַט קלאָר געמאַכט די דאָרטיקע חברים וועגן אָט־דעם פארשוין, האָט ער דאָרט באַקומען אזא אויפנעם, אַז ער איז גאָר גיך נעלם געוואָרן. מיט יאָרן שפּע־טער איז צו אונדז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז מ׳האָט אים אין רוסלאַנד דעמאַסקירט ווי אַ שפּיאָן. צי דאָס איז טאַקע געווען אמת, האָבן מיר נישט געקאָנט געוווּר ווערן אויף זיכער. אָבער אַז ער איז געווען אַ געמיינער שעדיקער, פאַר וועלכן יעדע באַוועגונג מוז זיך אויסהיטן, וועגן דעם איז נישט געווען דער מינדסטער ספק.

אַ פּיל ערנסטערער ענין איז געווען דער פאַל טשיזשיקאָף, וועלכער האָט אין זיין צייט אָנגעמאַכט אַ גרויסן רושם. טשיזשיקאָף האָט אין משך פון אַ לענגערער צייט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אין דער אונטערערדישער באַוועגונג אין ליטע. ער איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון אַ גאַנצער ריי אַזויגערופענע „עקספּראָפּריאַציעס" און אַנדערע געפערלעכע אונטערנעמונגען, ווי זיי זיינען דעמאָלסט געווען אָנגענומען אין רוסלאַנד, און מ׳האָט צווישן די חברים דאָרט געהאַט צו אים גרויס צוטרוי. ביי איינעם אזא „שטיקל אַרבעט" איז ער געכאַפּט געוואָרן פון דער פּאָליציי און ער איז געזעסן אין ווילנער תּפיסה, ווו ער האָט געוואַרט אויפן משפּט. אזוי ווי זיין פאַל איז געווען אַ זייער ערנסטער און ער האָט זיך געמעגט ריכטן אויפן ערגסטן, האָט ער פאַרטראַכט אַ פּלאַן זיך צו ראַטעווען פון משפּט דורך אַנטלויפן. דורכן איבערקויפן אַ וועכטער פון דער תּפיסה, האָבן זיינע חברים איינדרויסן זיך מיט אים געשטעלט

אין פאַרבינדונג, אַזוי אַז ס׳האָט באַלד געקאָנט אויסגעאַרבעט ווערן אַ פּלאַן. ווען אַלע צוגרייטונגען זיינען געווען געענדיקט, איז מען אין איינעם אַן אָוונט צוגעטראָטן צו דער דורכפירונג פונעם געפערלעכן פּלאַן. טשיזשיקאָף האָט זיך געדאַרפט אראָפּלאָזן אויף אַ שטריק פון זיין קעמערל אויפן דריטן אָדער פערטן גאָרן אין איינעם פון די תפיסה־הויפן. צוויי פון זיינע חברים זיינען בעת־מעשה אַרויפגעקלעטערט אויף דער מויער אַרום דער תפיסה און אים צוגעוואָרפן אַ שטריקלייטער, מיט וועמעס הילף ער איז איבערגעקומען די לעצטע שטרויכלונג. ווען אַפילו ער האָט זיך דערביי צע־בראָכן אַ פוס. נאָכדעם האָט מען אים אוועקגעפירט אין אַ זיכער באַהעלטעניש, וווּ ער האָט גאַנץ רואיק געקאָנט וואַרטן ביז צו דער אויסהיילונג פון זיין צעבראָכענעם פוס. אַ חודש שפּעטער איז ער אָפּגעפאָרן קיין אויסלאַנד און איז קודם אָנגעקומען קיין פּאַריז. די פראַנצויזישע פּרעסע האָט דעמאָלסט געבראַכט לאַנגע באַריכטן וועגן זיין געוואַגטן אַנטלויפן, וועלכע האָבן אונדז אַלעמען אָנגעפילט מיט צופרידנקייט. נאָך אַ קורצן אויפהאַלט אין פּאַריז, איז ער געקומען קיין לאָנדאָן, וווּ ער איז פון די חברים אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פרייד, און באַזונדערס האָבן זיך געפרייט מיט אים און אים אויפגענומען מיט גרויסער באַגייסטערונג זיינע נענטערע רוסישע חברים. ער האָט נאָך אַלץ אַביסל אונטערגעהינקט אויף אַ פוס, אָבער חוץ דעם האָט ער זיך געפילט גוט.

ווען ער האָט מיך באַזוכט דאָס ערשטע מאָל, האָט ער מיר דערציילט אַלע פּרטים פון זיין אַנטלויפן און צוגעגעבן, אַז ער האָט בדעה ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיך אומצוקערן קיין רוסלאַנד, ווייל ער קאָן דאָרט מער אויפטאָן פאַר דער באַוועגונג ווי אין אויסלאַנד. איך האָב אים שפּעטער נאָך אָפט געזען, איך האָב אָבער באַלד איינגע־זען, אַז ער האָט אַ זייער קנאַפּן באַגריף וועגן אונדזערע אידעען, ווען אַפילו ער איז אַ זייער לעבעדיקער און ריזרעוודיקער מענטש. דאָס, וואָס זיין אַנאַרכיזם האָט געטראָגן אַ היפּש פּרימיטיוון כאַראַקטער, האָט מיך אייגנטלעך נישט שטאַרק געחידושט, ווייל די מיטלען, וועלכע די חברים אין רוסלאַנד האָבן געהאַט פאַר זייער גייסטיקער אַנט־וויקלונג, זיינען געווען שטאַרק באַשרענקט. אָבער פונדעסטוועגן האָב איך אים גע־האַלטן פאַר אַ געוואַגטן און אומדערשראָקענעם מענטש, וועלכער איז געטריי איבער־געגעבן צו זיין אידעאַל און פון וועלכן מ׳דאַרף ביי די געגעבענע אומשטענדן נישט פאַרלאַנגען צו פיל.

ער האָט צונויפגעזאַמלט אַרום זיך אַ מחנה יונגע מענטשן, וועלכע זיינען נאָך געהאַט געווען אַקטיוו פאַר דער באַוועגונג אין רוסלאַנד, און זיי האָבן אויפגענומען יעדעס וואָרט זיינס ווי אַן אָראַקל. אין יענעם קליינעם קרייז איז נאַטירלעך גערעדט געוואָרן נאָר וועגן רוסישע ענינים און ס׳זיינען געשמידט געוואָרן פּלענער פאַר דער צוקונפט. טשיזשיקאָף, ווי דער רוב פון זיינע יונגע פריינט, האָבן נישט געקוקט מיט קיין איבעריקס גוטע אויגן אויף אונדזער באַוועגונג אין ענגלאַנד און זיי האָבן באַ־טראַכט אונדזער טעטיקייט מיט אַ געוויסער גרינגשעצונג, מחמת זי איז פאַר אים וואָר־שיינלעך נישט געווען גענוג רעוואָלוציאָנער. פאַר אונדזער דערציונגס־אַרבעט האָט ער געהאַט גאַנץ ווייניק און אפשר טאַקע גאָרנישט קיין פאַרשטענדעניש. שוין דער עפּנט־לעכער כאַראַקטער פון אונדזער באַוועגונג האָט נישט אַפּעלירט צו אים, מחמת ער

האָט זיך לגמרי נישט געקאָנט פאַרשטעלן קיין ווערטפולע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אָן עקספּראָפּריאַציעס און אָן געהיימע איבערפאַלן. אויך דאָס האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, מחמת ער האָט קיינמאָל נישט געוווסט פון עפּעס אנדערש און ער איז לחלוטין נישט געווען אימשטאַנד און אויך נישט געהאַט דעם ווילן דערצו זיך צו שאַפן א ריכטיקע מיינונג וועגן דער באַוועגונג אין אויסלאַנד. ער האָט אפילו קיינמאָל נישט גערעדט מיט מיר פערזענלעך וועגן דידאָזיקע עיניגים, אָבער מיר איז זיין שטעלונג געווען גוט באַקאַנט. דאָס אַלעס האָט מיך פונדעסטוועגן קיינמאָל נישט אָפּגעהאַלטן אים תמיד צו באַהאַנדלען חברלעך.

אָבער פּלוצים איז פאָרגעקומען א צווישנפאַל, וועלכער האָט פאַר מיר אָט־דעם מענטשן אוועקגעשטעלט אין אַן אַנדער ליכט און מיך באַוויזן איבערצייגן מיט אים אלע פערזענלעכע באַציונגען. אין אונדזער באַוועגונג איז דעמאָלסט געווען א יונג מיידל מיטן נאָמען זלאַטקע, אַ פּשוט נאַיוו קינדעלע, וועלכע איז געווען איבערגעגעבן צו אונדזערע אידעען מער מיטן האַרץ ווי מיטן שכל. אָבער אַזוי ווי קיין שום אַרבעט איז פאַר איר נישט געווען צו שווער, זיינען אַלע געווען סימפּאַטיש געשטימט צו איר און זי גערן געהאַט. איך דערמאָן זיך נישט, ווי אַזוי זי האָט זיך דערנענטערט צו טשיזשיקאָוון; אפשר האָט עס געהאַט א שייכות מיט זיין ראָל ווי אַ העלד. אַזוי צי אַזוי, ס׳איז צווישן זיי דערגאַנגען צו אַן אינטים פאַרהעלטעניש, וועלכעס האָט לסוף דערפירט צו דעם, אַז זיי האָבן געדונגען אַ צימער און געגאַנגען וווינען צוזאַמען. אָבער בלויז מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט טשיזשיקאָוו, אָן אַ שום מאָטיוו, זיך צעקריגט מיט זלאַטקען, איז אַרויס פון די כלים און זי אינמיטן דער נאַכט אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס, הגם זי איז פון אים געווען פאַרגאַנגען אין טראָגן. די אייגנטלעכע סיבה פון אָט־דער מער ווי נידעריקער האַנדלונג האָט זיך טאַקע באַלד אַרויסגעוויזן, ווען זיין פרוי איז קורץ נאָכדעם אָנגעקומען פון ווילנע קיין לאָנדאָן, און זיך אַריינגעצויגן אין דערזעלביקער וווינונג, אויף וועמעס אויסשטאַטונג די קליינע זלאַטקע האָט אויסגעגעבן אירע אָרעמע אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס. ס׳איז שוין געווען גענוג מיאוס, וואָס טשיזשיקאָוו האָט פאַרשוויגן פאַר זלאַטקען, אַז ער האָט אין רוסלאַנד אַ פרוי, וועמעס אָנקום ער דערוואַרט. אָבער די אומגלויבלעכע ברוטאַליטעט, מיט וועלכער ער האָט געוואָלט פּטור ווערן פונעם אָרעמען מיידל און אָפּגעוואָרפן יעדע אחריות פאַר איר צושטאַנד, האָט אָנגעוויזן אויף אַ לומפּישן כאַראַקטער, פאַר וועמען ס׳איז קוים מעגלעך צו געפינען אַ פּאַסיק וואָרט. דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז דער רוב חברים, וועלכע זיינען געווען באַקאַנט מיט די פּרטים, האָבן אים געזוכט אויסצומיידן. בלויז זיין ענגער קרייז איז אים געבליבן געטריי, אפשר דערפאַר, ווייל מ׳האָט דעם עינין באַטראַכט פאַר א ריין־פּריוואַטער אָנגעלעגנהייט, וועלכע האָט נישט קיין שום שייכות מיט דער באַוועגונג.

קורץ נאָך יענעם פאַרדריסלעכן פאַל זיינען אין רוסלאַנד פאָרגעקומען אַ סך אַרעסטן אין אונדזערע רייען, וועלכע זיינען פאַרורזאַכט געוואָרן דורכן פאַרראַט פון אַ געוויסנלאָזן פאַרשוין. איבער דרייסיק פון די אַקטיווסטע חברים זיינען דעמאָלסט אַריינגעפאַלן אין די פּאָליציי־אישע הענט, צוליב וואָס די פאַרבינדונג צווישן די חברים

אין דער ליטע און פוילן איז פולשטענדיק איבערגעריסן געוואָרן און ס׳איז אויך צע־שטערט געוואָרן די פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד. טשיזשיקאָוו האָט דעריבער פאָרגע־שלאָגן די יונגעלייט פון זיין גרופּע צוריקצופאָרן קיין רוסלאַנד און באַנייס איינשטעלן די פאַרבינדונגען. אַלע זיינען דערמיט געווען מסכים. אָבער פאַר דעם צוועק האָט מען געדאַרפט האָבן אַ גרעסערע סומע געלט, וועלכע יענע גרופּע האָט נישט געקאָנט באַקומען אָן פרעמדער הילף. טשיזשיקאָוו האָט זיך דעריבער געווענדט צו פאַרשידענע נישט־יידישע רוסישע חברים אין לאָנדאָן, ביכדי פון זיי צו באַקומען די נייטיקע שטיצע.

אין איינעם אַ טאָג קומט צו מיר דער אלטער חבר י. נאַגעל, אַ רוסישער אינזשע־ניער, וועלכער האָט פון זינט א סך יאָרן געוווינט אין לאָנדאָן ווי א פּאָליטישער פליכט־לינג און געהאט די איינשטימיקע אכטונג פון אלע חברים. ער האָט מיר פאַרטרוילעך איבערגעגעבן, וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך, און מיר געזאָגט, אז ער האָט שוין געשאַפן צווישן זיינע פריינט א גרעסערע סומע און זי איבערגעגעבן טשיזשיקאָוון. אַזוי ווי אָבער מ׳דאַרף האָבן נאָך מער געלט, זאָל איך פרווון מיט עפּעס א תירוץ שאפן די פעלנדיקע סומע געלט צווישן די יידישע חברים.

איך האָב אים דערקלערט גאַנץ אָפן, אז איך בין צו יעדער צייט גרייט צו טאָן דאָס בעסטע אין דעם פּרט, אָבער אז איך קאָן נישט מושווה ווערן מיט מיין געוויסן צו העלפן און ביישטיין אַזאַ מענטשן ווי טשיזשיקאָוון, מחמת ער איז, לויט מיין מיי־נונג, נישט די פּאַסיקע פּערזאָן, וועמען מ׳זאָל מעגן איבערגעבן אזא ערנסטע מיסיע.

— איך ווייס, — האָט נאַגעל געזאָגט, — אַז דו האָסט אים נישט שטאַרק ליב. איך אַליין גיב אויך צו, אַז זיין אויפפיר לגבי דעם יונגן מיידל איז געווען א מיאוסע, אַ נעבעכדיקע; אָבער סוף־כל־סוף האנדלט זיך דאָך דאָ וועגן א פּריוואטער אָנגעלעגנהייט, וועלכע האָט נישט קיין שום שייכות מיט זיין נוצלעכקייט פאַר דער באַוועגונג. טשי־זשיקאָוו איז אַן אויסגעצייכנטער אָרגאַניזאַטאָר און זיין פאַרגאַנגענהייט האָט אים פאַרשאַפט דעם גרעסטן צוטרוי צווישן די חברים אין רוסלאַנד.

— איך באַדויער שטאַרק, וואָס איך קאָן נישט טיילן מיט אייך דידאָזיקע מיי־נונג, — האָב איך אים געזאָגט. — סוף־כל־סוף איז דער כאַראַקטער פון אַ מענטש מאָסגעבנדיק אויך אין אַזעלכע עינינים. וואָס פאַרא זיכערקייט האָבן מיר, אַז אַ מענטש, וועלכער איז אין זיין פּריוואַטן לעבן פעיק צו באַגיין אַזאַ נידערטרעכטיקע האַנדלונג, וועט נישט זיין פונקט אזוי געוויסנלאָז אין עינינים פון דער באַוועגונג, ווען ס׳וועט זיך אים אונטעררוקן די געלעגנהייט און ער וועט זי באטראכטן ווי לוינבאר פאַר זיך?

מיר האָבן נאָך גערעדט א לענגערע צייט וועגן דעם, אָבער ווען ער האָט איינ־געזען, אז ער קאָן מיך נישט איבערצייגן, האָט ער זיך מיט מיר געזעגנט, פריינטלעך ווי תמיד, אָבער קענטיק, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אביסל אומצופרידן.

באלד נאָכדעם איז טשיזשיקאָוו אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד. צי ער האָט זיך צופרידנ־געשטעלט מיט דער אָנגעקליבענער סומע, אָדער ער האָט באַוויזן צו שאפן נאָך מער, דאָס איז פאַר מיר געבליבן אומבאקאנט. ער האָט פאַקטיש צוריק איינגעשטעלט די פאַרבינדונגען צווישן די חברים פון די פאַרשידענע שטעט און זיי באַוויגן זיך צו

באטייליקן אין אַ געהיימער קאָנפערענץ פון די חברים פון ליטע און פוילן. אָבער יענע קאָנפערענץ איז פלוצים אויפגעדעקט געוואָרן פון דער פּאָליציי און אלע דעלע־גאַטן זיינען ארעסטירט געוואָרן. טשיזשיקאָוו איז דעמאָלסט עפנטלעך באשולדיקט גע־וואָרן ווי אַ פאַררעטער. פון זינט ווען ער האָט געטאָן דידאָזיקע שפּיאָנענאַרבעט פאר דער רוסישער פּאָליציי, האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פעסטגעשטעלט ווערן. געוויסע איינצלהייטן גיבן אָנצוהערן, אז זיין אוואַנטוריסטיש אנטלויפן פון דעם געפענגעניש אין ווילנע איז צוגעגרייט געוואָרן מיט דער פּאָליצייאישער הילף, ביכדי אָפּצונאַרן די עפנטלעכקייט און פארזיכערן פאר איר שפּיאָן דעם צוטרוי פון די חברים. ס'איז אָבער אויך מעגלעך, אז ער איז ערשט אין תפיסה געוואונען געוואָרן פאר זיין נייער ראָל. נאַטירלעך, אז רוסלאַנד איז פאר טשיזשיקאָוון געווען א צו הייסער באָדן, ווו ער איז מער נישט געווען זיכער מיט זיין לומפּיק לעבן. ער איז דעריבער פאַר אַ לענגערער צייט אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון דער אויבערפלאַך, ביז מ'איז געקומען אויף זיינע שפּורן אין דער שווייץ. אַ יונגער רוסישער סטודענט האָט באוויזן זיך אריינצובאַקומען אין זיין וווינונג, ווו ער האָט אים דערשאָסן.

נאַטירלעך דאַרף מען פון די טרויעריקע דערפאַרונגען, וועלכע מיר האָבן געהאַט מיט מאָראַלישע אויסווורפן ווי קאַראָל און טשיזשיקאָוו, בשום אופן נישט קומען צום אויספיר, אַז זיי זיינען געווען כאראקטעריסטיש פאר דער יונגער רוסישער באוועגונג. דאָס זיינען געווען אויסנאַמלעכע דערשיינונגען און בלויז כאַראַקטעריסטיש אויף אַזוי ווייט, אויף וויפל זיי וואַרפן א שאַרף ליכט אויף די דעמאָלסטיקע צושטאַנדן אין רוס־לאַנד און ווייזן־אָן, וואָס פאַרא זומפּיקע פלאַנצן עס קאָנען אויפקומען אונטער דער ממשלה פון אַן אומגעצוימטן דעספּאָטיזם, ווו יעדער פרייער אויסדרוק פון א מיינונג ווערט באטראַכט ווי א פאַרברעך און יעדער פּראָטעסט קעגן א רשעותדיקן און באַר־באַרישן סיסטעם קאָן קומען צום אויסדרוק נאָר דורך קאָנספּיראַציעס און געוואַלטטאַ־מען ווידערשטאַנד. די גרויסע מערהייט פון די יונגעלייט, וועלכע איז געקומען פון רוסלאַנד קיין לאָנדאָן זינט דער העלפט פון ערשטן יאָרצענדליק ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מילחמה, זיינען געווען טיף־ערלעכע חברים, באהערשטע פון אַ גרויסן אידעאַליזם. פיל פון זיי האָבן נאָך אין רוסלאַנד געהאַט געבראַכט גרויסע קרבנות פאר זייער אידעאַל. אָבער ס'איז זיי אָנגעקומען זייער שווער און ביטער זיך צוצופּאַסן צו דער נייער סביבה. און דאָס איז געווען גאַנץ פארשטענדלעך. זיי האָבן פון דער היים געוווּסט נאָר פון אַן אונטערערדישער טעטיקייט פון אַ געהיימער באַווע־גונג און זיי האָבן זיך געמוזט באַשירעמען און באַשיצן, פונקט ווי אלע רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען אין רוסלאַנד, מיט געוואַלטטאַטיקע מיטלען קעגן די שטענדיקע רדיפות פון דער רעגירונג. ביי אַזעלכע אומשטענדן האָט שוין געמוזט קומען צו דעם, אז ס'האָט זיך ביים רוב פון זיי געשאַפן א באגריף, אז דער מעטאָד פון קאָנספּיראַציע און טעראָ־ריסטישע אַקטן פון יחידים באַלאַנגען צו די עיקרדיקע פרינציפּן פונעם אַנאַרכיזם.

אַזעלכע באגריפן איז נישט לייכט אויסצוואָרצלען, ביפרט נישט ביי יונגע מענטשן, וועלכע זיינען פריער קיינמאָל נישט געווען אין אויסלאַנד און זיי זיינען דעריבער נישט געווען אימשטאַנד צו קאָנען אָפּשאַצן ווי געהעריק די פארשידנדיקייט

פון די סאָציאַלע לעבנסבאַדינגונגען אינעם ליכט פון זייערע היסטאָרישע שייכותן. מהאי טעמא האָט מען פון זיי קוים געקאָנט דערוואַרטן, אַז זיי זאָלן אַרויסווייזן אַ טיפער פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער באַוועגונג אין ענגלאַנד. אונדזער אַרבעט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָט פאַר זיי לגמרי נישט געהאַט קיין שום באַטייט, און די קולטורעלע אַקטיוויטעט, וועלכע מיר האָבן דעמאָלט אָנגעפירט אין לאָנדאָן און אין דער פּראָווינץ, איז פאַרן רוב פון זיי געווען אומנוצלעכע פאַרשווענדונג פון צייט. און אַזוי ווי זיי האָבן געקוקט אויף אַלץ מיטן ענגן קוק פון פאַנאַטישער איינזייטיקייט, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט פון זייער היימלאַנד, האָבן זיי אויף אונדז געקוקט מיט אַ געוויסן אומצוטרוי און מיסתמא אויך מיט אַן איינגעבילדעטער העכערקייט, גלייך ווי מיר וואָלטן באַדאַרפט גיין זיך לערנען אין זייער שול, ביכדי באַקאַנט צו ווערן מיטן אמתן אַנאַרכיזם. דאָס האָט אָפט געפירט צו נישט איינגענעמע חילוקי־דעות צווישן די עלטערע חברים און די ניי־אָנגעקומענע, וואָס דאָס איז, אגב, געווען אומפאַרמיידלעך. אין אַזעלכע פאַלן קאָן מען דערגרייכן צום ציל נאָר ביתנאַי, ווען מ׳האָט אַ סך געדולד. מ׳מוז דידאַזיקע יונגע מענטשן איבערלאָזן צייט צו ווערן היימיש און זיך איינצולעבן מיט די נייע אומשטענדן, ביכדי זיי זאָלן ביסלעכווייז אַליין זיין אין דער לאַגע צו בייטן זייער פריערדיקע מיינונג און געבן אַ נייע אָריענטאַציע זייער באַגער נאָך טעטיקייט. איך האָב טאַקע געפּרוווט טאָן דאָס בעסטע, אָט־די אויסגעוואָרצלטע מענטשן קלאָר צו מאַכן די־אָ זאַכן.

דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע, אָבער ס׳איז געווען דער איינציקער אופן, וואָס האָט געקאָנט אין דעם פאַל אָנגעווענדט ווערן. אָבער די גרויסע סכנה איז באַשטאַנען אין דעם, אַז דידאַזיקע יונגע אומדערפאַרענע מענטשן זאָלן זייער לייכט אויסגענוצט ווערן פון געוויסנלאָזע אויסוואורפן און שטעלן אין סכנה אונדזער גאַנצע באַוועגונג. כל־זמן דידאַזיקע יונגע חברים האָבן זיך ביי זייערע צונויפטרעפן פאַרנומען בלויז מיט רוסישע ענינים, האָבן זיי דער באַוועגונג אין ענגלאַנד נישט געקאָנט ברענגען קיין שום שאָדן. פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך תמיד געמוזט רעכענען מיט דער מעגלעכקייט, אַז דער אָדער יענער פון זיי זאָל זיך, אפשר בלויז אַרויסגייענדיק פון זיינע אייגענע סיבות, ביכדי דער באַוועגונג צו ווייזן בעסערע מעטאָדן, אָדער גאָר זיך לאָזן באַווירקן פון אַזעלכע אויסוואורפן ווי אַ טשיזשיקאָוו, לאָזן אָנרעדן צו באַגיין עפּעס אַן אומזיניקע מעשה, וועלכע זאָל קאָנען ווערן אַן אומגליק פאַר דער גאַנצער באַוועגונג. ס׳איז צווישן אָט־די יונגע מענטשן געווען אַ היפּשע צאָל, וועלכע האָבן זיך פאַרזונעלעך געהאַט באַטייליקט אין רוסלאַנד אין געפערלעכע און געוואַגטע איבערפאַלן און זיי זיינען אין זייער פאַנאַטישן ווידערווילן צו דער אויסלענדישער באַוועגונג געווען לייכט אימשטאַנד זיך לאָזן באַוועגן צו אַזעלכע מעשים אויך דאָ.

ס׳איז מיר נישט איינמאָל אויסגעקומען צו רעדן מיט קראָפּאָטקינען, טשערקעסאָוון און אַנדערע באַקאַנטע רוסישע חברים וועגן אָט־דער מעגלעכקייט און איך בין געווען איבערראַשט צו הערן, אַז זיי איז אויך איינגעפאַלן דערזעלביקער געדאַנק. אַז אונדזער מורא איז נישט געווען גרונטלאָז, האָב איך גאָר אינגיכן געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו איבערצייגן. אין אַ געוויסן טאָג — אָנהויב נאָוועמבער 1909 איז עס געווען

— האָט מיך באַזוכט א יונגער רוסישער חבר, וועלכער האָט געוואָלט רעדן מיט מיר אונטער פיר אויגן. איך בין אַריין מיט אים אין אונדזער שלאָפצימער און ער האָט מיר דערציילט מיט מערקבארער אויפרעגונג, אז א קליינע גרופּע יונגעלייט האָט צוגעגרייט אַ באָמבבענאַטענטאַט בעת דער לאָרדמאַיאָר־שאָו־פּייערונג אין דער סיטי. פאַר דעם צוועק האָט מען אין א פארוואָרפענעם ווינקל ערגעץ אין עפּינג פאָרעסט שוין געמאַכט עקספּערימענטן מיט אויפרייס־שטאָף און אויך אלע נייטיקע צוגרייטונגען פאַר אַט־דעם אומזיניקן פּלאַן.

איך בין געווען אזוי איבערראַשט, אז איך האָב מיינע אייגענע אויערן נישט געוואָלט גלייבן און די גאנצע מעשה באטראכט ווי אויסגעזויגן פון די פינגער. אָבער דער יונגערמאַן, וועמעס נאָמען איך וויל דאָ נישט דערמאָנען, ווייל ער באַלאַנגט נאָך צו די לעבעדיקע, איז צוגעשטאַנען מכוח דעם אמת פון זיינע רייד און נאָך א סך פראַגן פון מיין צד האָט ער מיר דערקלערט, אז ער אַליין באלאנגט צו יענער גרופּע און ער איז אַליין געווען ביי די עקספּערימענטן אין עפּינג פאָרעסט.

— אויב דאָס איז טאַקע אַזוי,—האָב איך אים געזאָגט,—הלמאי דערציילסטו מיר די געשיכטע?

— ווייל נאָך לאַנגן נאָכטראַכטן איז ביי מיר קלאָר געוואָרן, אַז אַזאַ אטענטאַט וועט גורם זיין דעם טויט פון א גרויסער צאָל אומשולדיקע מענטשן און זיין אַן אומגליק פאר אלע פּאָליטישע פּליטים אין ענגלאַנד, — האָט ער געענטפערט.

אינדערעמתן איז דער פּלאַן געווען מער ווי א משוגענער. די לאָרדמאַיאָר־שאָו־פּייערונג, וועלכע פלעגט דורכגעפירט ווערן יעדן 9טן נאָוו. אין די געדיכטע מיט מענטשן אָנגעפּאַקטע גאסן פון דער סיטי, איז געווען דער יום־טוב פון איבערגעבן דעם אמט דעם ניי־באַשטימטן בירגערמייסטער און איז געווען פארבונדן מיט אַן ארומפאָרן איבער די גאסן מיט א מיטלאַלטערלעכער כאַראַקטעריסטיק און פלעגט תמיד צוציען גרויסע מאסן. אזא מאָנסטרועזער אטענטאַט ווי דער געפּלאַנטער וואָלט דעריבער געמוזט האָבן אומאויסרעכנבארע פאָלגן. איך האָב דעריבער געפרעגט דעם יונגן מאַן, וואָס פאַראַ צעדרייטער מוח ס'האָט דאָס אויסגעוואָרעמט אזא משוגענעם געדאַנק. אָבער מיט דעם האָט ער נישט געוואָלט אַרויסקומען. ער האלט פאר געניג מיר צו לאָזן וויסן וועגן אָט־דעם פּלאַן, כדי איך זאָל זיין אימשטאַנד נישט צו דערלאָזן צו זיין דורכפיר.

— און ווי אזוי זאָל דאָס געשען? — האָב איך אים געפרעגט.

האָט ער מיר אויף דעם געענטפערט, אז צומאָרגנס אין אָוונט האָט די גרופּע אַ זיצונג ביי איינעם פון די חברים אין ווייטהארסט, ביכדי אָפּצושמועסן די לעצטע פּרטים. דאָרט זאָל איך צוגיין און זיי איבערצייגן אין דער אומזיניקייט פון זייער פּלאַן. נאָכדעם ווי איך האָב אים פייערלעך צוגעזאָגט נישט אויסצוגעבן זיין נאָמען, האָט ער מיר געגעבן דעם אַדרעס.

איך האָב באלד געלאָזט וויסן וועגן דעם מיין פריינט לאָזער זאבעלינסקי, וועלכער האָט געוווינט אין זעלביקן הויז וואָס איך, און ער האָט זיך תיכף אָנגעבאָטן מיך מאָרגן צו באַגלייטן. ווען מיר זיינען יענעם אָוונט, בכיוון אביסל שפּעטלעך, אָנגעקומען צום אָנגעוויזענעם פּלאַץ, האָבן מיר געטראָפן פינף יונגעלייט, צווישן זיי יענעם,

וועלכער האָט מיר געבראַכט די ידיעה, און א יונגיטשקע מיידעלע, וועלכע האָבן אונדז באַטראַכט מיט גרויס איבערראַשונג. איך האָב זיי נישט געלאָזט קיין צייט צו קומען צו זיך פון זייער איבערראַשונג און זיי תיכף דערלאַנגט ווי א זעץ איבערן קאָפּ, אז איך ווייס וועגן זייער אומזיניקן פּלאַן און פאַרלאַנג פון זיי זיך דאָס אַרויסצושלאָגן פון געדאַנק, ווייל זיי וועלן דערמיט ברענגען א גרויס אומגליק אויף א גרויסער צאָל מענטשן. לכתחילה האָבן זיי האַרטנעקיק געלייקנט און געטענהט, אז זיי ווייסן פון גאָרנישט. אָבער ווען איך האָב זיי געזאָגט, אז מיר איז אפילו באַקאַנט זייער עקספּלאָזיע־עקספּערימענטן אין עפּינג־פּאָרעסט, זיינען זיי דערפון שטאַרק געטראָפן געוואָרן. זאבעלינסקי און איך האָבן פאַר זיי קלאָר געמאַכט די אומפאַרמיידלעכע פּועל־יוצאס פון אַזאַ אַטענטאַט און זיי געזאָגט גאַנץ אָפן, אז זיי זיינען מיסתמא די בלינדע וועַרקצייג פון אַ רוסיש־פּאָליצייאישן מוח, ווייל ווער ס'שטעלט אין סכנה אויף אַזאַ רישעותדיקן אופן דאָס פּאָליטישע אזילרעכט פון ענגלאַנד דורך אזא מאָנסטרועזער האַנדלונג, דער באַגייט נישט קיין רעוואָלוציאָנערע טאַט, נייערט ער אַרבעט, באַוווסטזיניק צי אומבאַוווסטזיניק, פאַר דער רוסישער רעאַקציע, וועמען ער שפּילט־אַריין אין די הענט.

ס'איז שווער צו זאָגן, צי מיר האָבן זיי באמת איבערצייגט, מחמת זיי זיינען געבליבן שטום און פאַרשלאָסן אין זיך. איינס אָבער איז געווען זיכער: נאָכדעם ווי זיי האָבן איינגעזען, אז זייער פּלאַן און כוונה איז אונדז באַקאַנט, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז זיי קאָנען שוין מער נישט טראַכטן וועגן זיין דורכפירונג. צי ס'האָט אין אָט־דעם פאַרדעכטיקן ענין געהאַט א האַנט עפּעס א רוסישער אַגענט אָדער ס'האָט זיך ביי יענעם פּלאַן בלויז געהאַנדלט וועגן דעם רעזולטאַט פון א בלינדן פאַנאַטיזם, ביי וועלכן מען האָט געהאַט פאַרלוירן יעדע מאָס פאַר דער ווירקלעכקייט, איז שווער צו זאָגן. אין דער אומגעזונטער אַטמאָספער פונעם רוסישן לעבן פון יענער צייט זיינען צייטיק געוואָרן געוויסע מאָנסטרועזע געדאַנקען, ווי למשל די „טעאָריע וועגן אומבאַגרינדעטן טעראָר“, וועלכע איז געווען געווענדט קעגן דער גאַנצער בורזשואַזיע ווי א קלאַס, און ס'האָט נישט אינטערעסירט, ווער ס'וועט דערפון געטראָפן ווערן.

יענע גרופּע אין לאָנדאָן איז זיך באַלד נאָך יענער געשעעניש פונאַנדערגעפאַלן, ווען אייניקע פון אירע מיטגלידער האָבן זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד. דערזעלביקער יונגערמאַן, וועמען מיר האָבן געהאַט צו פאַרדאַנקען, וואָס ס'איז דעמאָלסט אויסגעהיט געוואָרן פון א גרויס אומגליק, איז במשך פון א סך יאָרן געווען אַקטיוו אין אונדזער באַוועגונג און איז געוואָרן שטאַרק צוגעבייגט צו מיר. ביי א געוויסער געלעגנהייט האָט ער מיר איינמאָל דערציילט, אז ס'איז ביי דערזעלביקער גרופּע ערנסט גערעדט געוואָרן וועגן דעם פּלאַן, צי ס'וואָלט נישט געווען לויגבאַר אָפּצורוימען קראָפּאָטקינען פונעם וועג, ווייל זיין מעסיקער קוק אויף זאַכן איז אַ שטער פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג. נאָך היינט נעמט מיך אַרום א גרויל, ווען איך טראַכט וועגן דעם, אין וואָס פאַראַ לאַבירינטן עס קאָנען זיך אַריינפלאָנטערן מענטשן מיט שלעכט־פאַרשטאַנענע אידעען און בלינדן פאַנאַטיזם.

אָבער, ווי געזאָגט, די גאָר גרויסע מערהייט פון די יונגע חברים, וועלכע זיינען אין יענע יאָרן געקומען פון רוסלאַנד, האָבן זיך פּאַמעלעך אַריינגעפּאַסט אין די נייע פאַר־

העלטענישן. אַ סך פון זיי האָבן שפּעטער, נאָכדעם ווי זיי האָבן גובר געווען זייער פּאַר־אורטייל קעגן די חברים אין אויסלאַנד, געטריי גערינט דער באַוועגונג און אַ סך פון זיי טוען עס נאָך ביז היינטיקן טאָג. צו זיי באַלאַנגט אויך דער יונגער ס. פרידמאַן, דער שפּעטערדיקער לאַנגיעריקער פאַרוואַלטער פון דער „פרייער אַרבייטער־שטימע" אין ניו יאָרק, וועלכער איז, צום באַדויערן, געשטאָרבן צו פרי.

צווישן די יונגע חברים, וועלכע האָבן אין יענע שטורמישע יאָרן געמוזט אַנט־לויפן פון רוסלאַנד, איז אויך געווען אַ יונגע פרוי, יהודית גודמאַן, וועלכע איז אין לאָנדאָן אין משך פון אַ געוויסער צייט געווען דער צענטער פון אַ קליינער גרופּע. אין ביאַליסטאָק האָט זי געהאַט גענומען אַן אָנגעזעענעם אָנטייל אין דער יונגער אַנאַר־כיסטישער באַוועגונג און זי איז געווען שטאַרק רעספּעקטירט פון אַלע חברים. ווען איך האָב זיך מיט איר באַקענט, האָט זי געטראָגן אַ שייטל אויפן קאָפּ, ווייל ביי אַ רעוואָלוציאָנערער דעמאָנסטראַציע האָבן די קאָזאַקן ביי איר בפירוש אַרויסגעריסן אַ גרויסן טייל פון אירע האָר אויפן קאָפּ. ביאַליסטאָק איז אין יענער צייט געווען אַ פעסטונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און במשך פון אַ סך יאָרן דער סצענאַ־ריום פון פאַרביטערטע קאַמפן, וועלכע פלעגן אָפט האָבן אַ גרויסן פאַרנעם און זיך אויך אויסדריקן אין איינצלנע רעבעלישע מעשים. אַ סך אַרבעטער פון דער אונטער־ערדישער באַוועגונג האָבן געהאַט געווער, אַזוי אַז די פּאָליציי האָט בדרך־כלל נישט געהאַט קיין לייכטע אַרבעט מיט זיי. דאָס איז אויך געווען די סיבה, הלמאי די צאַרישע רעגירונג האָט שפּעטער אָרגאַניזירט דעם בלוטיקן מיליטערישן פּאָגראָם קעגן דער יידישער באַפעלקערונג פון יענער שטאָט, פון וועלכן ס'זיינען געפאַלן אַזוי פיל מענטש־לעכע קרבנות.

אויך יהודית איז געווען שטאַרק באַיינפלוסט פון דער ספּעציעלער אידעאָלאָגיע, מיט וועלכער זי האָט זיך דערצויגן אין רוסלאַנד. פונדעסטוועגן פלעגט זי שטענדיק קומען צו אונדזערע רעפעראַטן, מחמת זי איז בטבע געווען זשעדנע נאָך וויסן און געהאַט אַן אָפענעם קאָפּ פאַר נייע אינטערפּרעטאַציעס. שפּעטער האָט זי אויך אָנגע־הויבן קומען צו מילין און צו מיר צוגאַסט. לכתחילה בלויז ווען־נישט־ווען, אָבער שפּעטער אָפטער. פון אָנהויב איז זי געווען אומצוטרוילעך, גלייך ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז דורכן חברן זיך מיט אונדז וועט קאָנען געמינערט ווערן איר רעוואָלוציאָ־נערער אידעאַל. אָבער מיר האָבן זי שטענדיק באַהאַנדלט פריינטלעך; האָבן מיר דאָך זי פאַרשטאַנען פיל בעסער ווי זי האָט געקאָנט פאַרשטיין אונדז. אין אונדזערע שמועסן האָב איך זיך באַמיט איר אויפצוקלערן, אַז באַשטימטע מעטאָדן, וועלכע זיינען אין רוסלאַנד געווען אומפאַרמיידלעך, קאָנען נישט אַזוי זיך, מיר־נישט דיר־נישט, אַרי־בערגעטראָגן ווערן אויף יעדער אַנדערער באַוועגונג. זי פלעגט נאָך יעדן שמועס אַזאַ ווערן פאַרטראַכט און איך האָב געפילט, אַז מיינע ווערטער ווערן נישט פאַרשווענדט אומזיסט. יהודית איז שפּעטער אוועקגעפאָרן מיט איר מאַן קיין אַמעריקע, וווּ זי איז געשטאָרבן אין יאָר 1943, אין גרויס אָרעמקייט. אַלע חברים אין לאָנדאָן האָבן געקענט די קליינע אינטעליגענטע פרוי מיטן קלוגן פּנים און די ווייסע האָר, וועמען דאָס לעבן האָט אויסגעבלייכט פאַר דער צייט. אָבער נישט אַלע האָבן געוווּסט, אַז אָט־די באַ־

שיידענע פרוי האָט געהאַט אַ זייער לעבעדיקע פאַרגאַנגענהייט הינטער זיך, וואָרן זי האָט באַלאַנגט צו יענע, וועלכע רעדן נישט גערן פון זיך אַליין.

צום נענטערן קרייז, וועמען יהודית האָט דעמאָלט אין לאָנדאָן גרופּירט אַרום זיך, האָט אויך באַלאַנגט אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען משה טאָקאַר, וועלכער האָט זיך נאָך אין רוסלאַנד געהאַט געמאַכט אַ גרויסן שם צוליב זיין אומדערהערטער געוואַגטקייט. נאָך היינט זע איך אים פאַר מיר, אַט־דעם יונגן ריז מיט די בלויע שמייכלענדיקע אויגן פון אַ קינד און די בלאָנדע האָר. אפילו דער פאַרביסנסטער ראַסיסטישער אַלכעמיקער וואָלט אין אים נישט געקאָנט דערקאָנען זיין יידישן אָפּשטאַם. טאָקאַר איז געווען איינער פון יענע יונגע מענטשן, וועלכע האָבן געקאָנט אויפקומען נאָר אויף רוסישער ערד. אַט דער בחור, פול מיט ווילנסקראַפט און פלאַ־קערנדיקער ליידנשאַפט, וועלכער האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום טאוונג, האָט זי געמעגט זיין נאָך אַזוי משוגע־געוואַגט און איינשטעלעריש, איז נאָך ווי אַ גאָר יונגיטשקער בחורל אַריינגעקומען אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג פון זיין רוסישן היימלאַנד און נישט געקוקט אויף זיין יוגנט, האָט ער געהאַט הינטער זיך אַ זייער לעבעדיקע און רירעוודיקע פאַרגאַנגענהייט. ווי אַ מיטגליד פון דער גרופּע „אינטער־נאַציאָנאַל“ אין וואַרשע האָט ער גענומען אַן ענערגישן אָנטייל אינעם גרויסן גענעראַלשטרייק פון יאָר 1905. ווען ס׳האָט זיך שפּעטער אָנגעהויבן די שרעקלעכע רעאַקציע, זיינען זעכצן מיטגלידער פון דער גרופּע דערשאָסן געוואָרן אָן אַ פּראָצעס. טאָקאַר האָט דורך אַ פּשוטן צופאַל באַוויזן זיך צו ראַטעווען פון אַרעסטירט צו ווערן. פון דעמאָלט אָן האָט ער געפירט אַ לעבן פון אַ מענטשן, וועלכער איז געיאָגט געוואָרן פון דער פּאָליציי פון איין אָרט צום צווייטן ווי אַ ווילדע חיה, ביז ער איז, לסוף, אַריינגעפאַלן אין די הענט פון זיינע פאַרפאָלגער, אָבער נישט מיט זיין אייגענעם נאָמען. ביכדי ער זאָל אויסזאָגן זיין אמתן נאָמען, האָט מען אים אין דער באַרימטער וואַרשעווער ציטאַדעל שטאַרק געפּייניקט, אָבער קיין שום יסורים האָבן אַט־דעם ווילנסשטאַרקן בחורל נישט געקאָנט באַוועגן זיך מודה צו זיין.

נאָכדעם ווי ער האָט אין יאָר 1907 באַוויזן אויף אַ געוואַגטן אופן זיך אַרויסצו־רייסן פון טורמע און דעראַבערן, דורך אַנטלויפן, זיין פרייהייט, איז ער אַוועק קיין פּאַריז און פון דאָרט קיין לאָנדאָן. אָבער דאָס דאָרטיקע לעבן איז אים נישט געפעלן און נאָך אַן אויפהאַלט פון אייניקע חדשים האָט ער זיך אומגעקערט קיין פּאַריז מיט דער פעסטער כוונה ביי דער ערשטער געלעגנהייט צוריקצופאָרן קיין רוסלאַנד. אין פּאַריז איז ער פאַרוויקלט געוואָרן אין אַ זייער געפערלעכער געשיכטע. ער האָט זיך דאָרט געהאַלטן צוזאַמען מיט אייניקע יונגע רוסן, וועלכע האָבן זיך אויך אַרומ־געטראָגן מיטן פּלאַן זיך אומצוקערן קיין רוסלאַנד. אָבער ביכדי זיך צו שאַפן געלט פאַר זייער צוגעטראַכטער אַקטיוויטעט אין רוסלאַנד, זיינען אַט־די יונגע מענטשן געפאַלן אויפן געדאַנק צו באַרויבן אַ באַנק אין פּאַריז. ווער ס׳איז געווען דער ערשטער צו פאַרטראַכטן דעמדאָזיקן פּלאַן, איז קיינמאָל נישט באַקאַנט געוואָרן, אָבער ס׳איז אָן ספק, אַז אַ רוסישער געהיימאַגענט האָט דערביי געשפּילט אַ ראָל. אַ טאָג פאַרן דורכפירן דעם איבערפאַל זיינען אַלע באַטייליקטע פּלוצים אַרעסטירט געוואָרן.

צומאָרגנס האָט מען זיי געבּרענגט אין דער פּאָליציי־פּרעפעקטור, ווו אַ באַאַמטער האָט זיי איבּערגעגעבּן אַלע פּרטים פון זייער פּלאַן און זיי געלאָזט וויסן, אַז מיטן ערשטן צוג מוזן זיי פאַרלאָזן פראַנקרייך. אויב עמעצער פון זיי וועט נאָך צען שעה צייט נאָך זיין אויפן פראַנצויזישן באָדן, וועט ער האָבּן צו פילן אויף זיך די גאַנצע שטרענגקייט פונעם פראַנצויזישן געזעץ.

דאָס איז געווען אין פעברואַר 1908. פאַרוואָס די פראַנצויזישע פּאָליציי האָט נישט געלאָזט פּרווון דורכפירן דעם איבּערפאַל, בּיכדי די יונגעלייט צו כאַפּן בּיי דער האַנט, איז קיינמאָל נישט באַקאַנט געוואָרן. עס ווייזט אָבּער אויס, אַז קלעמאַנסאָ, וועלכער איז אין יענער צייט געשטאַנען בראש פון דער רעגירונג, איז אינפאָרמירט געוואָרן וועגן דעם גאַנצן פּלאַן און ס'איז אים אפשר געווען ווידערווילּיק צו באַ־גראָבּן אָט־די יונגע מענטשן, וועלכע זיינען אַריינגעפאַלן אין די נעץ פון אַן אויס־לענדישן אַגענט. האָט ער בּעסער געוואָלט פאַרענדיקן דעמדאָזיקן עיניין אויף אַ שטילן אופן. דער גאַנצער עפּיזאָד ווייזט אָבּער נאָכאַמאָל, ווי לייכט ס'איז געווען צו באַוועגן און פאַרפירן יונגע אומדערפאַרענע מענטשן צו אַזעלכע מעשים, וועלכע האָבּן געקאָנט ווערן דאָס גרעסטע אומגליק פאַר זיי. טאָקאַר איז אָן ספק געווען אַ מענטש, וועמען ס'האָט נישט געפעלט קיין נאַטירלעכע אינטעליגענץ, אָבּער ער איז אין זיין נייער סביבה געווען ווי אַ פאַרלוירענער און ער איז בּטבע געווען נאַיוו ווי אַ קינד, וועלכעס שפּילט זיך מיט דער סכנה. זיין געוואַגטקייט און זיין אומדער־שראָקענע אַנטשלאָסנהייט האָבּן אים זיכער אונטערגעשטעלט אַ פּיסל.

ער איז דערנאָך אויפסניי געקומען קיין לאָנדאָן, ווו ער איז פאַרבּליבּן בּערך עלף חדשים. לענגער האָט ער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און ער האָט דווקא געוואָלט צוריק־פאָרן קיין רוסלאַנד. פאַר אים איז דאָס געווען אַ גרויס איינשטעלעניש, ווייל די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַזאַ מין טויטלעכן קריזיס און די בּלוטיקע רעאַקציע האָט געהאַט געזיגט אינעם גאַנצן לאַנד. אָבּער טאָקאַר האָט זיך צוליב דעם נישט געלאָזט אָפּהאַלטן און אין יאַנואַר 1909 איז ער טאַקע אַהיימגעפאָרן.

די ענגלישע פּרעסע האָט אין יענער צייט כסדר געבּרענגט באַשרייבונגען וועגן דער שרעקלעכער פּייניקונג פון פּאָליטישע אַרעסטירטע אין ווילנע, באַשרייבונגען, וועלכע האָבּן געמאַכט אַ שוידערלעכן איינדרוק. דער אייגנטלעכער שולדיקער פאַר אָט־דער מוראדיקער פּייניקונג פון פּאָליטישע אַרעסטירטע איז געווען דער מילי־טערישער גובערנאַטאָר הערשעלמאַן, איינער פון די ערגסטע הענקער פונעם אַלטן רעזשים אין רוסלאַנד. אָבּער די פאַרשטייער פונעם דעספּאָטיזם האָבּן זיך דעמאָלט באַנייס געפילט זיכער אין זאָטל. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז געווען דערשלאָגן און מ'האָט שוין מער נישט געדאַרפט מורא האָבּן פאַר די זונשטראַלן, פאַרן פּאָלקס־צאָרן, וועלכע האָבּן זיך פריער אַזוי אָפט אַרויסגעריסן פון צווישן די מאַסן, בּיכדי צו מאַכן אָפּקומען פאַר באַגאַנגענע זינד און צו ווייזן די מושלים פונעם צאַרישן קעניגרייך, אַז אויך פאַר זיי איז פאַראַן אַ גרענעץ, בּיז וואַנען זיי מעגן זיך וואָגן.

טאָקאַר איז קודם־כל אָפּגעפאָרן קיין לאָדזש. אָבּער די ידיעות וועגן די שוידער־

לעכע גרוילטאָטן אין ווילנע האָבן אים נישט געגעבן קיין רו. האָט ער אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן צו דערשיסן דעם נידערטרעכטיקן פייניקער הערשעלמאַן. מיט אָט־דער כוונה איז ער געפאָרן קיין ווילנע. ער האָט גערעכנט דאָרט צו געפינען עטלעכע פּערזאָנען, וועלכע וועלן אים קאָנען ביישטיין ביים דורכפירן זיין פּלאַן. עס ווייזט אָבער אויס, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין מזל און ער איז געווען געצווונגען אַלעס צו שטעלן אויף זיך אַליין. דעם 6טן דעצעמבער האָט ער געשאָסן אויף הערשעלמאַנען, ווען ער איז געפאָרן אין זיין קאַרעטע צו זיך אַהיים. ער האָט אָבער בלויז געטראָפן דעם גענעראַל פּענגאַ, וועלכער איז געפאָרן אין דערזעלביקער קאַרעטע, און אים פאַרוואונדעט. הערשעלמאַן איז אָפּגעקומען מיט בלויז שרעק. טאָקאַר איז אויפן אָרט פאַרהאַלטן געוואָרן און דעם 13טן יאַנואַר 1910 פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט דורך אַ קריגס־געריכט. אָבער אייניקע טעג פאַרן אויספירן דעם מישפּט האָט ער ביינאַכט געעפנט דאָס נאַפטלעמפּל אין זיין קאַמער און דורכגענעצט זיינע מלבושים מיטן נאַפט. נאָכדעם האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויף זיין בעטל, אָנגעצונדן דעם שטרויזאַק און זיך לעבעדיקערהייט פאַרברענט און מ׳האָט אפילו נישט געהערט קיין געשריי פון יסורים. ווען איינער פון די וועכטער האָט דערפילט דעם דויך פון דער שריפה און געעפנט זיין קאַמער, האָט ער נאָך געלעבט, אָבער זיינע וואונדן זיינען געווען אַזוי שרעקלעך, אַז ער איז באַלד נאָכדעם געשטאָרבן.

משה טאָקאַר איז געווען איינער פון יענע יונגע פאַנאַטיקער, וועלכע קומען־אויף אין נייע באַוועגונגען פון אַזעלכע לענדער מיט אַזעלכע הימלשרייענדיקע אינערלעכע ווידערשפּרוכן ווי דאָס צאַרישע רוסלאַנד. זיין פאַנאַטיזם איז געווען דער נאַטירלעכער אויסדרוק פון זיין אינערלעכן וועזן, דער רעזולטאַט פון זיין טיף־דורכגעפילטער איבערצייגונג, וועלכע קווענקלט זיך קיינמאָל נישט און וועלכע האָט אים נישט פאַרלאָזט ביז צו זיין שרעקלעכן טויט. אַ געבוירענער בונטאַר ווי ער איז געווען, ביי וועמען יעדער געדאַנק מוז פאַרוואַנדלט ווערן איז טאַט, ווען אפילו ער זאָל צוליב דעם גיין צו גרונד. אַלעס שטעלן אויף אַן אידעע, מעג זי זיין נאָך אַזוי אומבאַשטימט און מעטושטעש פאַר אים, — דאָס איז געוואָרן דער צוועק פון זיין לעבן, דער פאַרקערפּערטער אויסדרוק פון זיין גאַנצן מענטשלעכן געפיל. ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלט זיך זיין אומגעצוימטע ווילנסקראַפט אפשר אויסגעדריקט אין קאָנסטרוקטיווער שעפערישקייט; אָבער אין זיין רוסישער סביבה, ווו ס׳האָט אים דערצו געפעלט יעדע געלעגנהייט, האָט זי זיך נישט געקאָנט אויסדריקן אַנדערש ווי נאָר צעשטערעריש, ביכדי זיך צו פאַרענדיקן מיט דער זעלבסטפאַרטיליקונג פון אַ יונגן, בליענדיקן מענטשלעכן לעבן.

דער אינטעלעקטועל ווערטפולסטער מענטש אין יענעם לאָנדאָנער קרייז אַרום יהודית גודמאַן איז, בלי ספק, געווען ברוך ריווקין, וועלכער האָט זיך אין לויף פון די יאָרן פאַרשאַפט אַן אָנגעזעענעם נאָמען ווי אַ יידישער שריפטשטעלער. אויך ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער יונגער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד, הגם ער האָט שוין דעמאָלט מיסתמא געפילט, אַז דער אַנאַרכיזם אַנטהאַלט אין זיך אַ טיפערן אידעישן אינהאַלט ווי דער באַרבאַרישער קאַמף קעגן

אַ באַרבאַרישן סיסטעם, וועלכען ער האָט געקענט פון רוסלאַנד, האָט אים געקאָנט געבן. ווי דער רוב פון זיינע יונגע פריינט, האָט ער זיך לכתחילה באַצויגן היפּש סקעפּטיש צו דער באַוועגונג אין אויסלאַנד. אָבער ער איז געווען אַ זוכער, וועלכער האָט זיך ליב געהאַט צו גריבלען אין זאַכן, וועלכע זיינען געשטאַנען מחוץ פונעם ענגן אידעישן קרייז, לויט וועלכע זיינע חברים פלעגן זיך שאַפן אַ באַגריף וועגן לעבן. ס׳איז אפשר געווען מער דאָס אינעוויינישקסטע געפיל פון צוניפגעהעריקייט און די דערמאָנונג פון די בשותפות־אויסגעשטאַנענע סכנות, וועלכע האָבן אים פאַר־בונדן מיט זיינע חברים פון דער היים, איידער אַ גייסטיקע ספּאָנטאַנע קרובשאַפט.

פונקט ווי יהודית איז אויך ער געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער צו אונדז אין הויז און אויך צו אונדזערע פריינט אברהם און שרה פרומקין. מיר האָבן אים אויפגע־נומען פריינטלעך און פלעגן מיט אים פירן לאַנגע וויכוחים, וועלכע פלעגן זיך פאַרציען ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין. איך האָב באַלד באַמערקט, אַז מיינע ווערטער האָבן אים געמאַכט זיך פאַרטראַכטן און אַזוי ווי ער פלעגט אויך אָפט באַרירן ענינים, וועלכע זיינען געלעגן מחוץ די ראַמען פון סאָציאַלע פּראָבלעמען, האָט מיר דאָס געגעבן די געלעגנהייט צו רעדן מיט אים אויך וועגן אַנדערע זאַכן. אַזוי האָט ער אין איינעם אַן אָוונט אַרויפגעפירט דעם שמועס אויף דער אַלטער און תמיד נייער טעמע וועגן מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם. איך האָב אים דעמאָלט דערקלערט, אַזביידע זיינען נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר פאַרשידענע פּערספּעק־טיוון, דורך וועלכע מיר זוכן צו דערקלערן די דערשיינונגען פונעם לעבן, הגם מיר דערגייען דורך דעם נישט צום סאַמע שורש פון די אמתע סודות. אַזוי ווי אונדזער אופן פון דענקען איז אַזוי איינגעאָרדנט, אַז מיר זיינען אימשטאַנד זיך צו באַוועגן פאָרויס נאָר אויף די שטאַלצן פון אַליין־געשאַפענע באַגריפן, זיינען דעריבער אי־דעאַליזם און מאַטעריאַליזם אפשר בלויז ניטיקע קעגנגעוויכטן, בכדי נישט צו פאַרלירן דעם גייסטיקן באַלאַנס. דער עיקר איז אַנצוווענדן יעדע געוווּנענע דערקענ־טעניש אויף די מאַטעריעלע און גייסטיקע זייטן פונעם לעבן, אָבער זיך איינצייטיק נישט איינצורעדן צו האָבן אין אונדזער רשות אַן אַבסאָלוטן אמת, לויט וועלכן מ׳איז אימשטאַנד צו געשטאַלטיקן דאָס לעבן.

ער האָט מיך אָנגעקוקט אביסל איבעררואשט, מחמת ער האָט זיך וואַרשיינלעך נישט געריכט אַזעלכעס צו הערן פון מיר. דערנאָך האָט ער אביסל זיך קווענקלענדיק אַ זאָג־געטאָן:

— אָבער אויב דאָס איז אַזוי דער פאַל, קאָן מען דאָך אויך דעם אַנאַרכיזם נישט באַטראַכטן, ווי דעם סופיקן ציל פון דער צוקונפט.

— זיכער נישט! — האָב איך געזאָגט. — און דאָס דערפאַר נישט, ווייל פאַר דער צוקונפט קאָן מען בכלל נישט אָנצייכענען קיין שום סופיקן ציל. איך בין אַן אַנאַרכיסט, נישט דערפאַר, ווייל איך גלייב אין אַ באַשטימטן סופיקן ציל, נייערט דווקא דערפאַר, ווייל איך גלייב נישט אין דעם, ווייל איך בין גיכער איבערצייגט, אַז נאָר די פרייהייט קאָן פירן צו אַלץ וויטערדיקע איינזעעניש און צו געזעלשאַפטלעכע לעבנספאָרמען,

בעת יעדער אבסאָלוטיזם פונעם דענקען שאפט בלויז נייע דאָגמעס און לייגט אויף אונדז ארויף נייע קייטן. דאָ ליגט די סיבה פון יעדער טיראַניע.

מיינע ווערטער האָבן אויף אים געמאכט אן אָנזעעוודיקן איינדרוק, ווייל ער האָט אויך שפּעטער ארויפגעפירט גאַנץ אָפט דעם שמועס אויף דער טעמע. אזוי ארום זיינען מיר ביסלעכווייז געוואָרן גוטע פריינט. דערמוטיקט דורך פרומקינען און מיר, איז ריווקין געוואָרן א רעגלמעסיקער מיטאַרבעטער אין „אַרבייטער־פריינד“, ביז ער איז שפעטער אַפּגעפאָרן קיין אמעריקע. אויך אין „זשערמינאַל“ האָט ער מיטגעארבעט און איך דערמאָן זיך נאָך היינט זייער שטאַרק אין צוויי פון זיינע בעסטע אַרבעטן, איינע „די פערזענלעכקייט אין דער געשיכטע“ און די צווייטע וועגן דער אידעאָלאָגיע פון די מאכאַיעווצעס, א קליינע רוסישע רעוואָלוציאָנערע סעקטע, וועמעס נאָמען עס איז נאָך דעמאָלסט אין אויסלאַנד לגמרי נישט געווען באַקאַנט און וועלכע איז ערשט באַקאַנט געוואָרן טאַקע דורך ריווקינס ארטיקלען.

ריווקין איז געווען א היפּש עקסצענטרישער מענטש און תמיד אזא מין צוריק־געצויגענער כאַראַקטער ביז צו זיין טויט. ער האָט אָבער געהאַט אן אומאָפּפרעגבארע אָריגינאַליטעט אינעם דענקען און האָט זיך שטענדיק געיאָגט נאָך נייע דערקענטע־נישן. ער האָט אין לויף פון זיין לעבן געשאַפן אַ היפּשע צאָל גוטע אַרבעטן. הגם ער איז אין די לעצטע יאָרן געשטאַנען גאַנץ ווייט פון דער באַוועגונג, איז ער אָבער זיינע פרייהייטלעכע אידעען געבליבן געטריי ביז צום סוף.

מיר גופא האָט דאָס באַקענען זיך מיט יענער אייגנארטיקער וועלט פון די יונגע עמיגראַנטן געגעבן אייניקע אינטערעסאַנטע אָנרעגונגען, וועלכע האָבן אָפט געמוזט שווער דעראָבערט ווערן, אָבער זיי זיינען, פונדעסטוועגן, נישט געווען ווערטלאָז. מען ווערט דערביי רייכער מיט געוויסע דערפאַרונגען, וועלכע זיינען טאַקע נישט תמיד די בעסטע, אָבער זיי פאַרבלייבן קיינמאָל נישט אָן נוצן, ווען מ׳באַמיט זיך ארויסצוווייזן אַ ריכטיק פאַרשטענדעניש צו די זאַכן. קודם־כל לערנט מען זיך אויס פאַרשטיין, אַז מיט יונגע מענטשן מוז מען האָבן א סך געדולד, אויב מ׳וויל נישט מער קאַליע מאַכן ווי גוט מאַכן. ווייל דווקא דאָ איז גילטיק מולטאַטוליס וואָרט: „די געאָגראַפן ווייסן נאָר וועגן פינף וועלט־טיילן; זיי ווייסן נישט, אַז ס׳איז פאַראַן נאָך אַ זעקסטער וועלט־טייל, וועלכער איז ביז איצט נאָך נישט אַנטדעקט געוואָרן — דער מענטש!“

## די דערמאָרדונג פון פראַנסיסקאָ פעררער

דעם 9טן אָקטאָבער 1909 האָט א קריגסגעריכט אין באַרסעלאָנאַ פאַרמישפּט צום טויט פראַנסיסקאָ פעררער, דעם גרינדער פון דער „מאָדערנער שול", ווי אַ מכלומרשטן אויפהעצער צום יולי־אויפשטאַנד אין קאַטאַלוניע. און הגם די פּרטים פון דאָזיקן שענדלעכן יוסטיץ־פאַרברעך זיינען דעמאָלסט בלויז טיילוויז אָנגעקומען קיין אויסלאַנד, האָט דאָך אָבער יעדער איינער, ווער ס׳איז נישט געווען אויף אייביק פאַרבלענדט פון קלעריקאַלע אידעען, געפילט, אַז די שפּאַנישע מאָנארכיע האָט אין דעם פאַל צוגעגרייט א קאַלטבלוטיקן יוסטיצמאָרד און געוואָלט אויסנוצן די גינ־ציקע געלעגנהייט, ביכדי צו צעשטערן פעררערס קולטור־אויפטו, וועלכער איז שוין פון לאַנג געשטאַנען ווי א דאָרן אין אויג דער קירך און דער סאָציאַלער רעאַקציע. וואָלט מען באמת געווען געהאַט ממשותדיקע באַווייזן פאַר פעררערס שולד, וואָלט מען אים זיכער נישט געווען געשטעלט פאַר קיין קריגסגעריכט, ווו מ׳האָט אים אומ־מעגלעך געמאַכט יעדע אמתע פאַרטיידיקונג. דער עצם פאַקט, וואָס מ׳האָט דורכגע־פירט דעם מישפּט מיט דער גאַנצער איילעניש צוויי טעג פאַר דער דערעפענונג פונעם שפּאַנישן פאַרלאַמענט, מחמת מ׳האָט מיט רעכט מורא געהאַט פאַר גרויסע דע־מאָנסטראַציעס קעגן דעם געפּלאַנטן מאָרד, האָט גאַנץ בולט באַוויזן, אַז מאַוראס קאָנסערוואַטיווע רעגירונג האָט פון אָנהויב געהאַט די פעסטע כוונה אוועקצושטעלן די פּאַלקס־פאַרטרעטונג פאַר אַ געשעענעם פאַקט.

דער טויטאורטייל האָט תיכף אַרויסגערופן א שטורעם פון אויפברויז אין אַלע טיילן פון דער ציוויליזירטער וועלט. פון זינט די שוידערלעכע פאַסירונגען אין דער מאָנטכואיטשער פעסטונג אין יאָר 1896 האָט די שפּאַנישע רעגירונג אין אויסלאַנד געהאַט פאַרלוירן יעדן מאָראַלישן קרעדיט. דער אומהיימלעכער תחית־המתים פון דער אינקוויזיציע ביים סוף פונעם 19טן יאָרהונדערט האָט דעמאָלסט געמאַכט אזא גרויליקן איינדרוק, אַז מ׳האָט די פאַרטרעטער פון דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע אין שפּאַניע געהאַלטן פאַר פעיק צו יעדער געמיינסטער נידערטרעכטיקייט. ווי נאָר דער מישפּט קעגן פעררערן איז באַקאַנט געוואָרן אין אויסלאַנד, זיינען אין פּאַריז, לאָנדאָן, רוים, ליסאַבאָן, בריסל, אַמסטערדאַם, בערלין, ווין, גענף, בוענאָס־איירעס, מאָנטע־ווידעאָ און אין א סך אַנדערע גרויסע שטעט פאָרגעקומען ריזיקע מאַניפעסטאַציעס, ביכדי צו ראַטעווען פעררערס לעבן. מענער און פרויען פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קרייזן, צווישן זיי פאָרשטייער פון גרויסע פּאָליטישע פּאַרטייען און פּראָפעסיאָנעלע

אָרגאַניזאציעס, געלערנטע, שריפטשטעלער, קינסטלער און פּעדאַגאָגן, אַזעלכע ווי אַנאַטאָל פראַנס, שאַרל אַלבערט, מאַקסים גאָרקי, געאָרג בראַנדעס, מאָריץ מעטער־לינק, י. מעניל, פּיאָטר קראָפּאָטקין, ערנסט העקעל, זש. סערזשי, ע. פאָר, זשאַן זשאָרעס, פּ. דע פּרעסאנסע, פּ. זשיל, קעיר האַרדי, דזש. דע גריף, גראַנזשואַן, אַ. נאַקע, ס. א. לעזאָן, אַ. סיפּריאַני, ע. מערלע, דאָמעלאַ ניווענהויז, סעבאַסטיאַן פאָר, זשאַן גראַוו, שאַרל מאַלאַטאַ, מאַדאַם סעווערין, פּ. גיליאַר, ר. ג. קונינגהעם גראַהאַם און הונדערטער אַנדערע האָבן אויפגעהויבן זייער קול אין איינשטימיקן פּראָטעסט. הונ־דערט צוויי און פופציק פון פראַנקרייכס באַקאַנטסטע פּראָפעסאָרן, פאָרשטייער פון אַלע פאַקולטעטן און פונעם רוב אוניווערזיטעטן פון לאַנד, האָבן זיך אין א בשותפות־דיקער שריפט געווענדט צום פּרעמיער־מיניסטער מאַוראַ און אים אויפגעפאָדערט צו שטעלן פעררערן פאַר א ציווילן געריכט, ווו ער זאָל האָבן די מעגלעכקייט פאַר אַן אמתער פאַרטיידיקונג. וועלטבאַקאַנטע אָרגאַניזאַציעס, אַזעלכע ווי די „ליגע פאַר דער רעכט פונעם מענטשן“, די „אַלגעמיינע קאָנפעדעראַציע פון אַרבעט“ און דער „קאָמי־טעט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די קרבנות פון דער שפּאַנישער אונטערדריקונג“ אין פראַנקרייך; די אומאָפּהענגיקע לאַבאָריסטישע פּאַרטיי, די פאַביאַנער געזעל־שאַפט, דער ראַציאָנאַליסטישער פּרעסע־פאַרבאַנד און די „אינטערנאַציאָנאַלע פרידן־און אַרביטראַזש־געזעלשאַפט“ אין ענגלאַנד; דער „פאַרבאַנד פון די פרײַדענקער“ און „די ליגע פאַר מענטשנרעכט“ אין בעלגיע; די „אַלבאַ דעי ליבערי“ אין איטאַליע און די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד, עסטרייך, בעלגיע און איטאַליע זיינען צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג אַרויסצורייסן פעררערן פון זיינע הענקערס נעגל. די גאַנצע ליבעראַלע און סאָציאַליסטישע פּרעסע פון אַלע שאַטירונגען אין אייראָפּע און אַמעריקע איז נאָכגעגאַנגען דעמדאָזיקן ביישפּיל. אפילו אין שפּאַניע גופא, מיטן אויסנאַם פון קאַטאַלוניע, ווו דער באַלאַגערונגס־צושטאַנד האָט אוממעג־לעך געמאַכט יעדע עפנטלעכע דעמאָנסטראַציע, האָבן אומדערשראָקענע מענטשן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן און דער רוב צייטונגען, וועלכע זיינען נישט געשטאַנען אין דינסט פון דער קלעריקאַלער רעאַקציע, געלאָזט הערן זייער מוטיקן פּראָטעסט קעגן דער אויספירונג פונעם בלוטיקן מישפט.

איך בין דעמאָלסט פּונקט געווען אין פּאַריז, ווו די חברים האָבן פאַר מיר אַראַנזשירט אייניקע רעפעראַטן, ווען ס'איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן טויט־אורטייל. באַלד אין דעמזעלביקן אָוונט איז עס געקומען צו גרויסע גאַסנדעמאָנסטראַציעס, וועלכע זיינען אין די קומענדיקע טעג אַלץ גרעסער געוואָרן. אויפן פּלאַץ פון דער באַסטיליע, אינעם לוקסעמבורגער גאָרטן און ספּעציעל אויף דער „פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד“ האָבן זיך יעדן אָוונט פאַרזאַמלט ריזיקע מאַסן מענטשן, ביכדי צו געבן אויסדרוק זייער אויפבראַוז און צאָרן. די פּאָליציי האָט געהאַט א שווער שטיקל אַרבעט נישט צו לאָזן צוקומען די מאַניפעסטאַנטן צום שפּאַנישן קאָנסולאַט, און זי האָט געמוזט צונויפ־ברענגען א מחנה פון טויזנט פּאָליציאַנטן, ביכדי צו באַשיצן דעם אַמבאַסאַדאָר און זיין שטאַב פון איבערפאַלן. א גאָר אייגנאַרטיקע מאַניפעסטאַציע האָבן אָרגאַניזירט די שאָפערן פונעם פּאַריזער אויטאָמאָביל־פאַריין. אויף יעדן אויטאָ, וועלכער האָט באַ־

לאַנגט צו מיטגלידער פון פאַרבאַנד, האָט מען געקאַנט לייענען מיט גרויסע אותיות: „אין מאַנטכוּאַיטש ווערן יעדן טאָג דערשאָסן מענטשן; די גלחים פּאַדערן פעררערס קאָפּ! אויף דער שפּאַנישער פּרעסע איז אויפגעהאַנגען אַ שלאָס!“

ווי שטענדיק ביי אַזעלכע געלעגנהייטן איז אויך דאָס מאָל פּאַריז געווען אַ יחיד בימינו. ס'איז ווידער געווען צו מערקן אין אָט־דער שטאָט דעם הייסן אָטעם פון איר רעוואָלוץ. פאַרגאַנגענהייט, וועלכער האָט פאַרכאַפּט אַלעמען. מ'האָט געמוזט האָבן געזען פּאַריז אין אַזעלכע טעג, ביכדי ווי געהעריק צו קענען פאַרשטיין די אומרואיקע און לײַדנשאַפטלעכע נשמה פון איר באַפעלקערונג.

דעם 19טן אָקטאָבער איז אינעם גרויסן זאַל פון דער „סאָסיעטע דע סאַוואַן“ פאָרגעקומען אַ ריזיקע פּראָטעסט פאַרזאַמלונג. ס'זיינען אויפגעטראָטן נאַקעט, מאַלאַטאַ, פאָר, מאַרמאַן, איוועטאַט און אַנדערע פאַרשטייער פון דער פּאַריזער אַרבעטער־שאַפט. אַזוי ווי איך בין אין יענעם אָוונט געווען פריי, האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט אויסגעלאָזט די געלעגנהייט צו זיין ביי יענעם מיטינג. ווי נאָר איך בין אַריינגעקומען אין זאַל, זיינען באַלד צוגעקומען צו מיר אייניקע דייטשע און פראַנצויזישע חברים, וועלכע זיינען געוויר געוואָרן וועגן מיין אָנוועזנהייט, און מיך מיט פרייד באַגריסט. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז צומאָרגנס אין אָוונט קומט־פאָר אין זאַל „ל'עגלאַגי־טער“ אַן אינטערנאַציאָנאַלע פּראָטעסט־מאַניפעסטאַציע, ביי וועלכער ס'וועלן רעדן רע־דנער פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. בלויז אַ דייטשער רעדנער האָט נאָך אויס־געפעלט און מ'האָט עס באַטראַכט ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איך דאַרף אויספילן אָט־דעם בלויז. נאַטירלעך, אַז איך האָב זיך אפילו קיין איין מינוט נישט געקווענקלט, הגם איך האָב פאַרויסגעפילט, אַז דער עינין וועט פאַר מיר מיסתמא נישט האָבן קיין גוטן סוף. דורך דער אינטערווענץ פון דער „ליגע פאַר מענטשנרעכט“ האָט מען מיר מיט צוויי יאָר צוריק געהאַט דערלויבט זיך אומצוקערן קיין פראַנקרייך, אָבער מיין אויסווייז פון לאַנד האָט די רעגירונג אָפיציעל נישט געהאַט צוריקגעצויגן. מיין פאַל איז דעריבער געלעגן אין די הענט פון דער פּאָליטישער פּאָליציי, וועלכע האָט געקאָנט צו יעדער צייט צוריקציען די באַוויליקונג זיך אויפצוהאַלטן אין לאַנד, נישט דאַרפנ־דיק זיך אָנפרעגן ביי דער רעגירונג, אויב זי איז געווען מיט דער מיינונג; אַז איך באַטייליק זיך אין אַקטן פון עפנטלעכן כאַראַקטער. וואָס די פּאָליציי האָט אונטער אַזאַ טערמינאָלאָגיע געקאָנט פאַרשטיין, האָט נאַטירלעך קיינער נישט געקאָנט פאָר־אויסזען.

איך בין זינט מיין אויסווייז געווען פינף אָדער זעקס מאָל אין פּאַריז און פאַר אַ דייטשער אין יידישער אודיטאָריע געהאַלטן רעפעראַטן וועגן ריין־ליטעראַרישע אָדער היסטאָרישע טעמעס. דער פּשוטער שכל־הישר האָט מיר געעצהט צו זיין פאַר־זיכטיק, די מעגלעכקייט צוויי אָדער דריי מאָל אין יאָר צו פאָרן קיין פּאַריז איז פאַר מיר געווען אַ גייסטיקער אָפּרו, וועלכע איך האָב נישט געוואָלט צעפּאַטערן, מחמת איך האָב דידאַזיקע גרויסע שטאָט ליב געהאַט מיט דער גאַנצער התלהבות פון די אַלע, וועלכע זיינען באַווירקט געוואָרן פון איר גייסט. ביז דעמאָלסט האָב איך טאַקע נישט געהאַט די מינדסטע שוועריקייטן. אויך דאָס מאָל איז אַלעס צוגעגאַנגען גוט.

איך האָב שוין געהאט געגעבן צוויי רעפעראַטן, איינעם וועגן „טאָלסטאָיס סאָציאַלער וועלטאָנשויונג" און דעם צווייטן וועגן „פראַנסיסקאָ גאָיאַ — ווי א קינסטלער און בונ־טאַר". מיין דריטער רעפעראַט וועגן „סאָציאַלן מאָטיוו אין וואַגנערס רינג פון די ניבעלונגען" האָט געזאָלט פאָרקומען מיט צוויי טעג שפּעטער. אָבער צו דעם איז עס נישט געקומען.

דער פּראָטעסט־מיטינג אינעם „ל'עגאַליטער"־זאַל איז געווען פּונקט ווי אלע מאַ־ניפעסטאַציעס פון יענער שטורמישער צייט, אַ גרויסער דערפאָלג. דער גרויסער זאַל איז געווען באַזעצט ביז צום לעצטן פּלאַץ און ער האָט געמוזט צוגעשלאָסן ווערן נאָך איידער די פארזאמלונג איז דערעפנט געוואָרן. ר. דע מאַרמאַן האָט גערעדט ווי אַ פאָרשטייער פונעם „קאָמיטעט פאר סאָציאַלער פארטיידיקונג" און ה. טילע — פון ד' פאַרייניקטע סינדיקאַטן פונעם סען־דעפּאַרטאַמענט. די אַנדערע רעדנער האָבן באַלאַנגט צו די פאַרשידענע לענדער און פעלקער. אַ. סיפּריאַני האָט גערעדט אין איטאַליעניש, אַ. גאַס אין שפּאַניש, ק. קאָרנעליסען אין האָלענדיש, מאַלנאַר אין אונ־גאַריש, ראָט אין ענגליש, האַינאַ אין טשעכיש און איך אין דייטש. די שטימונג צווישן די פאַרזאמלטע איז געווען אַ זייער געשפּאַנטע, צוגעפּאַסט צו דער שטורמישער צייט; דאָס נעמלעכע די אויספירן פון די רעדנערס, וועלכע האָבן נישט פאַרהוילן זייער אויפברויז און געשילדערט די פאַרברעכנס פונעם שפּאַנישן הענקער־רעזשים אַזוי ווי ער האָט זיך עס פאַרדינט. פונדעסטוועגן איז עס נישט געקומען צו קיין שום אינצי־דענטן, ווי דאָס פלעגט דעמאָלסט אַזוי אָפט פּאַסירן, ווען מ'פלעגט נאָך די מיטינגען זיך אַרויסלאָזן אין מאַסנמאַניפעסטאַציעס, וועלכע פלעגן אָפט דערפירן צו צוזאַמענ־שטויסן מיט דער פּאָליציי.

צומאָרגנס זעקס אַזייגער אינדערפרי בין איך אויפגעוועקט געוואָרן פון שלאָף דורך קלאַפּן אין דער טיר פון מיין האָטעל־צימער. איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, כדי צו זען, ווער דאָס איז. פאַר מיר זיינען געשטאַנען צוויי הערן, וועלכע האָבן זיך אויסגעגעבן ווי פאַרטרעטער פון דער פּאָליציי און מיר העפלעך געלאָזט וויסן, אַז זיי האָבן באַקומען דעם באַפעל מיך צו ברענגען אין דער פּאָליציי־פּרעפעקטור. איך האָב זיי געפרעגט אויף דער סיבה דערפון, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט אָדער נישט געוואָלט זאָגן גאָרנישט וועגן דעם. מ'האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער, וווּ מען האָט מיר דערלאַנגט אַ לייכטן אָנבייסן, און ערשט נאָך פיר שעה צייט האָט מען מיך געבראַכט צו אַ העכערן באַאמטן, וועלכער האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז איך דאַרף פאַרלאָזן פראַנקרייך אין משך פון 24 שעה.

איך האָב אים געפרעגט, וועלכן פאַרברעך איך האָב צו פאַרדאַנקען מיין נייעם אויסווייז. האָט ער מיר געענטפערט, אַז שולדיק אין דעם איז מיין אייגענע אומבאַ־רעכנטקייט. „וואָלט איר זיך נישט געווען אַריינגעמישט אין פראַנצויזישע עינינים, הער ראָקער", האָט ער מיט באַדויערן געזאָגט, „וואָלט אייך זיכער קיינער נישט געמאַכט קיין שום שוועריקייטן". האָב איך אים געפרעגט, צי דער פאַרברעך פון דער שפּאַנישער רעגירונג און פּעררערס קאַלטבלוטיק אויסגעפּלאַנטער יוסטיצמאָרד זיי־

נען פראַנצויזישע עינינים. ער האָט געהויבן מיט די פּלייצעס און דערקלערט, אַז ס׳איז נישט זיין עסק זיך אַרויסצוזאָגן וועגן דעם און ווי אַ באַאַמטער דאַרף ער בלויז דערפילן זיין פליכט. מיט דעם האָט ער נאַטירלעך שוין געזאָגט אַלעס. אינעם אומ־היימלעכן רעדערגעווערק פון דער ביוראָקראַטיע האָט קיינער נישט קיין פּערזענלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און יעדער דערפילט בלויז די פונקציע פון אַ מאַשין, ביז ער ווערט אַליין אַ מאַשין. יעדנפאַלס איז מיר געבליבן אַ גייסטיקע סאַטיספאַקציע. ווען איך בין אין יאָר 1894 אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פראַנקרייך, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע אין יענער שווערער צייט, איז עס געווען דיפּיס אולטראַרעאַקציאָנערע רעגירונג, וועלכע האָט פאַראָרדנט מיין פאַרטרייבונג. דאָס מאָל אָבער האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו באַקומען מיין אַרויסשיק־פּאַס פון אַ רעגירונג, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען דער באַקאַנטער סאָציאַליסט בריאַן. אַ שטיקל טרייסט איז עס דאָך געווען.

דעם 12טן אָקטאָבער אין אָוונט בין איך ווידער אָנגעקומען קיין לאָנדאָן. צו־מאָרגנס האָבן די ציַיטונגען געבראַכט די ידיעה, אַז פערערער איז דעמזעלביקן באַ־גינען דערשאָסן געוואָרן אין די מאָנטכואיטשער פעסטונגס־אָקאָפּעס. אַ סך האָבן ביז צום לעצטן מאָמענט געהאָפט, אַז אין אָנבליק פון דער געוואַלטיקער פּראָטעסט־באַווע־גונג אין אויסלאַנד וועט די שפּאַנישע רעגירונג זיך אָפּזאָגן פון דער אויספירונג פונעם טויטאורטייל. אָט־די האָפענונג איז נישט געווען אינגאַנצן אומבאַגרינדעט, ווייל, ווי באַקאַנט, האָט מען נאָך מיט דריי יאָר צוריק, נאָך מאַטעאָ מאָראַלס אַטענטאַט אויף אַלפאָנסאָ דעם דרייצנטן, דעם 31טן מאַי 1906, געמאַכט דעם פּרווו אַרויסצוגעבן פערערן צו די תליונים. די רעגירונג האָט דעמאָלסט געהאַט געשלאָסן אַלע פרייע שולן, קאָנפיסקירט פערערס פאַרמעג און אים אַליין אַרעסטירט און אָפּגעשיקט קיין מאַדריד אויף דער באַשולדיקונג צו האָבן מכלומרשט צוגעהאָלפן צו יענעם אַטענטאַט. אויך דעמאָלסט האָט דער רעגירונגס באַשיימפערלעכע כוונה צו אונטערדריקן פער־רערס מאָדערנע שולן אין באַרסעלאָנאַ און אומצוברענגען זייער גרינדער אַרויסגע־רופן אַ געוואַלטיקע פּראָטעסט־באַוועגונג אין אויסלאַנד, און ווען פערערער איז לסוף, נאָך דרייצן חדשים אונטערזוכונג־אַרעסט, געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט, איז ער פון די געשווירענע איינשטימיק באַפרייט געוואָרן. אַפילו דער מלוכה־פּראָקוראָר, בערסעראַ דעל טאַראָ, האָט נישט געוואַגט צו פאָדערן קיין טויט־אורטייל, נאָר זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט אין זיין באַשולדיקונגסרעדע פאַרלאַנגט 16 יאָר, 5 מאָנאַט און 10 טעג טורמע, אַזאַ שטראָף פאַר אַ מכלומרשטן צוהעלפער פון אַן אַטענ־טאַט, וועלכער האָט גורם געווען 24 טויטע און מער ווי 100 צעקאַליעטשעטע, וואָלט געווען אומבאַגרייפלעך, ווען פערערס אָנקלאָגער גופא וואָלטן דעמאָלסט נישט געווען איבערציַיגט וועגן זיין אומשולד.

אָבער דעמאָלסט איז פערערער געשטאַנען פאַר אַ ציוויל־געריכט, ווו ער האָט געהאַט אַלע מעגלעכקייטן פאַר זיין פאַרטיידיקונג. די רעגירונג האָט אים געמוזט אומקערן זיין פאַרמעג און פערערער האָט זיך געקאָנט אומקערן קיין באַרסעלאָנאַ ווי

אַ פרייער מענטש און ווייטער אָנגיין מיט זיין דערציונגסארבעט. דאָסמאָל אָבער איז די זאַך געווען גאַנץ אַנדערש. מ׳האָט אים געשטעלט פאר א קריגסגעריכט, מחמת אין גאַנץ קאַטאַלוניע איז דערקלערט געוואָרן באלאגערונגס־צושטאַנד און אונטערן דרוק פון דער מיליטערישער רעאַקציע זיינען דריי טויזנט מענטשן גלאַט־אַזוי געכאַפּט און פארהאלטן געוואָרן. נישט ער האָט געהאט אויסצוקלויבן ווען ער האָט געוואָלט פאַר זיין פאַרטיידיקונג, מחמת ער איז געווען געצוווּנגען איבערצוגעבן זיין פאַרטיידיקונג איינעם פון די אָפיצירן פונעם קריגסגעריכט, און נישט מ׳האָט אים געגעבן צייט צונויפצוזאַמלען דעם נייטיקן מאטעריאל צו זיין גונסטן און אים קאָנען איבערגעבן זיין פארטיידיקער. ס׳איז געווען א פשוטער צופאַל, וואָס פעררער האָט אויסגעקליבן דעם ריכטיקן מענטש, וועלכער האָט בשעתן פּראָצעס אַרויסגעוויזן אַ סך מוט און די ריכטער געשליידערט אין פנים אריין שרעקלעכע אמתן, וועלכע האָבן געמוזט שטעלן אין סכנה זיין ווייטערדיקע קאריערע ווי אַן אָפיציר. אָבער זיין גאנצע צודרינגלעכקייט אים צו געבן צייט צונויפצוזאמלען דעם נייטיקן מאַטעריאל פאר דער געהעריקער פארטיידיקונג איז שארף אָפּגעוואָרפן געוואָרן פונעם פּאָרזיצער מיט דער טענה, אז דאָס איז א קריגסגעריכט, וועלכעס האלט זיך נישט ביי די געוויינלעכע פּאָרמאליטעטן פון ציווילער פּראָצעדור. מ׳איז אפילו דערגאנגען אזוי ווייט, אַז מ׳האָט נישט צוגעלאָזט פערזענלעך די באשולדיקונגס־עדות, נייערט בלויז אויפגענומען זייערע שריפטלעכע דערקלערונגען, אַזוי אַז נישט פעררער און נישט זיין פּאַרטיידיקער, גאַלסעראַן, האָבן געהאַט די מעגלעכקייט זיי אויסצוהערן און אויסצופרעגן, אַן אויפפיר, וועלכער איז אפילו פאַר אַ קריגסגעריכט געווען אומדערהערט. ביי אַזעלכע אומשטענדן איז דער גאַנצער פּראָצעס געווען נישט מער ווי אַן אומווירדיקע קאָמעדיע, וועלכע איז בלויז אויסן געווען צו געבן דעם פון פריער פאַרטראַכטן יוסטיצמאָרד דעם אויסזען פון גערעכטיקייט.

גאלסעראן האָט דעריבער געטאָן דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געקאָנט אין אַזעלכע אומשטענדן און ער האָט אין זיין מוטיקער פארטיידיקונגסרעדע דערקלערט, אז אלע רעאַקציאָנערע עלעמענטן פונעם לאנד, וועלכע פאָדערן איצט איינשטימיק פעררערס טויט, זיינען אויסן צו טרעפן נישט דעם מכלומרשטן אויפרייצער צום אויפשטאַנד אין קאטאלוניע, נייערט זיין דערציונגסאויפטו, די מאָדערנע שול. דאָס, וואָס ס׳איז זיי נישט געלונגען מיט דריי יאָר צוריק, זאָל איצטיקס מאָל דערפירט ווערן צו א בלוטיקן סוף. דאָס איז, אינדעראמתן, געווען דער צוועק פון דער גאנצער גערעכטפּראָצעדור. די פאָרשטייער פון דער קלעריקאלער רעאַקציע האָבן דערפון קיינמאָל נישט געמאכט קיין סוד. שוין בשעת דעם ערשטן פּראָצעס קעגן פעררערן וועגן מכלומרשטער הילף פאַר מאָראַלס אַטענטאַט, האָט די צייטונג פון די יעזואיטן „קאָראַסאָן דע כעסוס“ אין בילבאַאָ געשריבן:

„מאָראַל איז אַ שילער פון דער מאָדערנער שול, אַ הייל פון אַטעיזם אין באַרסעלאָנאַ. וואָס איז אַזוינס די מאָדערנע שול? אַ דערציונגססיסטעם אָן גאָט, אַ לימוד, וועלכער שטיצט זיך אויף דער דאָקטרין פונעם פריידענקערטום. ווי אַלע אַזויגערופענע וועלטלעכע שולן. זי

איז די שולע, פון וואַנען ס׳קומען־אַרויס אוממאַראַלישע צייטשריפטן און העסלעכע ביכער*), גאָטלעסטערישע צוזאַמענקומען, אַנטירעליגיעזע טעאַטער־פאָרשטעלונגען און גאָטלאָזע וויכור־חים... אַזעלכע פאַרברעכנס (געמיינט מאָראַלס אַטענטאַט) וועלן זיך אַזוי לאַנג איבערחזרן, כל־זמן מ׳וועט אין שפּאַניע רעדן וועגן פרייהייט פון פרעסע, וועגן פרייהייט פון דערציונג און פריי־הייט פון דענקען, וועלכע מוזן אַרויסברענגען אַזעלכע מאָנסטרואָזיטעטן״.

און טאַקע דערפאַר, וואָס מ׳איז אין אויסלאַנד געווען גוט אינפאָרמירט וועגן דער אייגנטלעכער סיבה פון דער קלעריקאַלער העצע קעגן פעררערן און גוט גע־ווּסט, אַז מיט דער גאַנצער באַשולדיקונג איז מען בלויז אויסן אומצוברענגען אים און זיין גאַנצן אויפטו, האָט די פּראָטעסט־באַוועגונג באַקומען אַזאַ מעכטיקן און אַלוועלט־לעכן פאַרנעם. דאָס, וואָס פעררער איז איבערהויפּט געווען אין באַרסעלאָנא, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער יולי־אויפשטאַנד, איז געווען בלויז א ריינער צופאַל. ער האָט פאַרלאָזט שפּאַניע צוזאַמען מיט זיין חברטע סאָלעדאַד ווילאַפראַנקאַ אין מערץ און נאָכן אויפהאַלטן זיך אייניקע וואָכן אין פאַריז, איז ער אוועק קיין לאָנדאָן, וווהין ער איז אָנגעקומען אין דער צווייטער וואָך פון אַפּריל. דער צוועק פון זיין רייזע איז געווען א ריין געשעפטלעכער. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן פערזענלעכן דורכשמועסן זיך מיט פאַרלעגער אין פראַנקרייך און ענגלאַנד וועגן אייניקע גרעסערע ווערק, וועלכע פעררער האָט געטראַכט אַרויסצוגעבן אין שפּאַניש אין זיין פאַרלאַג. חוץ דעם האָט ער זיך געוואָלט דורכשמועסן מיט פאָרשטייער פון דער דורך אים געגרינדעטער „אינטערנאַציאָנאַלער ליגע פאַר ראַציאָנעלער דערציונג פון די קינדער״, ביכדי אָנצור־הייבן פאַרשידענע נייע אַרבעטן. די שפּאַנישע רעגירונג האָט אַפילו נאָך פעררערס באַפרייונג אין יאָר 1907 מיט אַלע מיטלען געזוכט נישט צו דערלאָזן צו דער באַ־נייאיקער דערעפענונג פון דער הויפּטשולע אין באַרסעלאָנא, אָבער זי האָט נישט געקאָנט שטערן, אַז ס׳זאָלן נאָכדעם געשאַפן ווערן בערך זעכציק שולן אין פאַרשידענע פלעצער, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן ביי זיינע מעטאָדן און באַנוצט זיינע טעקסטביכער. פעררער האָט דעריבער באַשלאָסן צו שאַפן אין באַרסעלאָנא אַזאַ מין אוניווערזיטעט, וועלכע זאָל ווערן דער צענטער פון יענע אַלע שטרעבונגען. פאַר דעם צוועק האָט ער זיך געוואָלט פערזענלעך באַראָטן מיט פרייזיניק־אָריענטירטע פעדאַגאָגן אין פראַנק־רייך, ענגלאַנד און בעלגיע און די דערפאַרונגען מיט זיי דערנאָך קאָנען אויסנוצן ביים דורכפירן זיין פּלאַן. ער האָט דעריבער געהאַט פאָרויסגעזען א לענגערן אויפהאַלט

*) די „אוממאָראַלישע צייטשריפט״ איז געווען דער „באָלעטין דע לאַ עסקועלאַ מאָדער־נאַ״, וועלכער האָט זיך באַשעפטיקט בלויז מיט דערציונגס־פּראָבלעמען. צווישן די „העסלעכע ביכער״, וועלכע פעררער האָט אַרויסגעגעבן אין זיין פאַרלאַג און וועלכע זיינען אין זיינע שולן גענוצט געוואָרן ווי טעקסט־ביכער, זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן: El desarrollo del universo, La historia de la tierra, El origen de la vida, El origen y el desarrollo del hombre, El hombre y la tierra, Historia de la civilización, Sistema de la economía, Geografía física, Historia de España, Mineralogía, Elementos de la aritmética, Manual de historia universal, Psicología étnica, etc.
ווערק פון אַזעלכע וועלט־באַקאַנטע שרייבער און געלערנטע ווי עליזע רעקליו, טש. לעטורנאָ, ראַמאָן אי. קאַכאַל, אָדאָן דע בוען, זשאָרזש אַנזשעראַן, נ. עסטעוואַנעס און א סך אַנדערע.

אין אויסלאַנד און געוואָלט פאַרבלייבן צוויי חדשים אין ענגלאַנד, ביכדי דערנאָך זיך אומקערן איבער בריסל און פּאַריז קיין באַרסעלאָנא, וווהין ער האָט געזאָלט צו־ריקקומען אין סעפּטעמבער.

אָבער אַט־דער פּלאַן איז צעשטערט געוואָרן, ווען ער האָט אין דער צווייטער וואָך פון יוני באַקומען די ידיעה, אַז זיין ברודערס פרוי און זיין פּלימעניצע זיינען שווער קראַנק געוואָרן און זייער לעבן איז אין סכנה. איז ער תיכף מיטן קירצסטן וועג צוריקגעפאָרן קיין שפּאַניע און אפילו נישט גענומען זיך קיין צייט צו גע־זעגענען מיט די נאָענטסטע פריינט אין לאָנדאָן, וועמען ער האָט דורך טעלעכע אָנגע־שריבענע שורות געלאָזט וויסן וועגן די סיבות פון זיין פּלוצימדיקן אָפּפאָר. ער איז נאָך אָנגעקומען אין צייט אהיים, אָבער אייניקע טעג נאָך זיין אָנקום איז זיין פּלימעניצע געשטאָרבן ביי אים אויף די הענט.

פּעררער האָט געהאַט דעם פעסטן באַשלוס אין אייניקע וואָכן אַרום באַניייס אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד, ביכדי צו פאַרענדיקן זיין איבערגעריסענע אַקטיווי־טעט. ווען ס׳איז גאַנץ אומדערוואַרט אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון יולי אין באַרסעלאָנאַ, וועלכער האָט געמאַכט אַ סוף צו אַלע זיינע פּלענער. קיינער האָט אַט־די געשעענישן נישט פאָרויסגעזען; מחמת ס׳האָט זיך דאָ נישט געהאַנדלט וועגן קיין שווערער קאָנספּיראַציע, ווי די שפּאַנישע רעגירונג האָט געוואָלט מאַכן גלייבן אין אויסלאַנד, נייערט וועגן אַ ספּאָנטאַנער פאָלקסבאַוועגונג, וועלכע איז זיך ערשט צע־וואַקסן און זיך אויסגעשפּרייט דורך דער פּונקט אַזוי ברוטאַלער ווי אומזיניקער פּראָוואָקאַציע פון דער באַרסעלאָנער מיליטערישער רעגירונג. דער אייגנטלעכער מאָטיוו פון די געשעענישן אין קאַטאַלוניע איז געווען די מילחמה אין מאַראָקאָ, וועלכע מאַוראַס רעגירונג האָט אָנגעהויבן אויף אַ שענדלעכן אופן. וואָרן יענע מילחמה איז געווען אַ פּשוטע רויב־מילחמה, מיט וועלכער מ׳איז אויסן געווען צו באַשיצן די פינאַנציעלע אינטערעסן פון אייניקע גרויסע קאַרטעלן, צווישן זיי אויך פון אייניקע אויסלענדישע קאָמפּאַניעס, וועלכע זיינען געווען אין שותפות אין דער עקספּלואַטאַציע פון אייניקע רייכע מינעראַלמינעס אין מאַראָקאָ. ווען די ריפישע קאַבילן האָבן נישט דערלאָזט דורכלייגן דורך זייער אייגן לאַנד צוויי באַנליניעס, האָט די שפּאַנישע רעגירונג אַרויסגעשיקט אַזאַ מין שטראָף־עקספּעדיציע קעגן זיי. מ׳האָט זיך איינגערעדט, אַז 5.000 מאַן וועלן זיין גענוג צו מאַכן אַ סוף צו די באַר־באַרן. אָבער דאָס איז געווען אַ פאַטאַלער טעות. די קאַבילן האָבן געקעמפּט מיט גרויס מוט און זיי זיינען געווען גוט באַוואָפנט, אַזוי אַז דער שפּאַנישער גענעראַל מאַרינאַ איז געווען געצוווּנגען צו פאַרלאַנגען פון דער רעגירונג אים צו שיקן נאָך 20.000 מאַן, און ווען די מילחמה האָט זיך פאַרצויגן אין דער לאַנגער באַנק, האָט ער געפאָדערט נאָך 40.000 און לסוף אפילו 70.000 זעלנער, ביכדי די אוואַנטורע צו פאַרענדיקן אויפן בעסטן אופן.

די מילחמה האָט ביים שפּאַנישן פאָלק אַרויסגערופן אַן אומגעהייערן אויפּברויז, וועלכער איז נאָך לייכטער צו פאַרשטיין, ווען מ׳וועט דאָ צוגעבן, אַז יעדער איינער, ווער ס׳איז געווען אימשטאַנד צו באַצאָלן 2.000 פּעזעטאַס, האָט זיך געקאָנט אויס־

קויפן פונעם מילחמה־דינסט, אַזוי אַז די אַרבעטער און פּויערן האָבן זיך געמוזט צוקוקן, ווי בלויז זייערע זין ווערן געפירט צו דער שחיטה. אין וואַלענסיאַ, סאַראַגאָסאַ, בילבאַאָ און אַנדערע שטעט זיינען פאָרגעקומען גרויסע פּראָטעסט־מאַניפעסטאַציעס קעגן דער מילחמה. אין מאַדריד איז ביי דער מאָביליזאַציע פון די רעזערוויסטן געקומען צו טומלדיקע אינצידענטן. די זעלנער פונעם אַראַפּילן־רעגימענט האָבן זיך צעבונטעוועט און זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרלאָזן די קאַזאַרמע. אויפגעברויזטע מאסן האָבן געשטורעמט דעם באַנהויף אַנטאָטשאַ און פאַרבערענט א צוג, וועלכער איז געשטאַנען גרייט אָפּצופירן זעלנער. צום שטאַרקסטן אָבער איז געקומען צום אויסדרוק דער ספּאָנטאַנער פּראָטעסט קעגן קריג צווישן דער אַרבעטערישער באַפעלקערונג פון קאַטאַלוניע. לויט דער דערקלערונג פונעם באַרסעלאָנער ציוויל־גובערנאַטאָר האָבן דעזערטירט איבער א העלפט פון די קאַטאַלוניער מאָביליזירטע רעזערוויסטן. פון 12טן יולי אָן האָט מען אין באַרסעלאָנאַ אָנגעהויבן פאַרשיפן די חיילות קיין מעליליאַ. דאָס, וואָס די רעגירונג האָט אויסגעקליבן פאַר אָט־דער אָפּעראַציע דווקא באַרסעלאָנאַ, די שטאַרקסטע פעסטונג פון שפּאַניעס רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערבאַוועגונג, איז אַביסל שווער צו פאַרשטיין און מ׳דאַרף זיך משער זיין, אַז אָדער מ׳האָט אין מאַדריד נישט געהאַט קיין קלאָרן באַגריף וועגן דער דאָרטיקער שטימונג אָדער מ׳האָט פּשוט געוואָלט מאַכן א פּרווו, אַ פּאַרמעסט, ווער ס׳וועט זיין שטאַרקער. זיינען טאַקע תיכף אויסגעבראָכן גרויסע דעמאָנסטראַציעס אין שטאָט, אין וועלכע ס׳האָבן זיך אויך שטאַרק באַטייליקט די פרויען. דעם 16טן יולי, אין אַ זונטיק, ווען אַ גרויסער אָפּטייל רעזערוויסטן האָט מאַרשירט צום האַפן, האָבן זיך טויזנטער מענטשן פאַרזאַמלט לענגאויס דעם ים־ברעג, צווישן זיי א סך פרויען מיט זייערע קינדער, און זיי האָבן באַגריסט די זעלנער מיט זייערע אויסגעשרייען: „נידער מיטן קריג! זאָלן די רייכע מאַרשירן! וואַרפט־אַוועק די ביקסן!” די פרויען האָבן זיך אויסגעמישט מיט די זעלנער און אַרויסגעשטעלט פאַר זיי די קינדער זייערע. ווען דער טומל איז געוואָרן כסדר גרעסער, האָבן די אָפיצירן אַרויסגעגעבן דעם באַפעל אַרויפצוזעצן די באַגנעטן אויף די ביקסן. די זעלנער האָבן געפאָלגט. אָבער ווען ס׳איז געקומען דער באַפעל צו שיסן, איז נישט געפאַלן קיין איין שאָס.

ביז אהער האָבן אָט־די מאַניפעסטאַציעס געטראָגן א ספּאָנטאַנעם כאַראַקטער. אָבער איצט האָט זיך געלאָזט הערן די „סאָלידאַרידאַד אָבררעראַ”, די סינדיקאַליסטישע אָרגאַניזאַציע פון די קאַטאַלאַנישע אַרבעטער, און זי האָט אויפן 23טן פאַררופן אַן אַלגעמיינעם צונויפקום פון דעלעגאַטן, ביכדי צו נעמען אַ שטעלונג צו די געשעעניש. דער ציווילער גובערנאַטאָר האָט פאַרווערט דעם צונויפקום, אָבער די געשעענישן זיינען שוין געהאַט דערגאַנגען צו אַזאַ פּונקט, ווען דער פאַרבאָט האָט שוין נישט געקאָנט האָבן קיין שום ווירקונג. אין דער נאַכט פון 23טן אויפן 24טן יולי זיינען זיך די דעלעגאַטן פון די סינדיקאַטן, די אַנאַרכיסטן און די סאָציאַליסטן, צונויפגעקומען בסוד און באַשלאָסן צו דערקלערן אַ גענעראַלשטרייק אין גאַנץ קאַטאַלוניע. ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן א שטרייק־קאָמיטעט פון דריי מאַן, וועלכער איז באַשטאַנען

פון מיגעל מאָרענאָ, דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון „סאָלידאַרידאַד אָברעראַ”, פראַנ־סיסקאָ מיראַנדאַ פון די אַנאַרכיסטן, און פּאַביאָ ריוואַס פון די סאָציאַליסטן. ס׳זיינען צעשיקט געוואָרן דעלעגאַטן אין דער גאַנצער פּראָווינץ, ביכדי באַקאַנט צו מאַכן די אַרבעטער מיטן אָנגענומענעם באַשלוס. דעם 26סטן איז דער שטרייק גע־ווען אַן אַלגעמיינער. פון קיין איין פאַבריק־קוימען אין גאַנץ קאַטאַלוניע איז נישט געגאַנגען קיין רויך. דער גאַנצער עפנטלעכער פאַרקער, אַריינגערעכנט די באַנען און די טעלעגראַפישע פאַרבינדונג, איז געווען אָפּגעשטעלט. דעם 27טן האָט דער מילי־טערישער גובערנאַטאָר פון קאַטאַלוניע דערקלערט באַלאַגערונגסצושטאַנד איבער קאַטאַלוניע און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די רויטע וואָך, ווען דער שטרייק האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אָפענעם אויפשטאַנד. אין איין אויגנבליק זיינען אַנטשטאַנען באַריקאַדן אין די גאַסן און מ׳האָט געשטורעמט די געווער־געשעפטן און די קלויס־טערס, ווו מ׳האָט זיך געריכט צו געפינען וואָפן.

במשך פון אייניקע טעג איז די לאַגע געווען גאַנץ קריטיש פאַר דער רעגירונג, ביפּרט צוליב דעם, וואָס זי האָט געהאַט א מאָטיוו מורא צו האָבן, אַז אַ טייל לפּחות פון די זעלנער האָט סימפּאַטיזירט מיט די בונטאַרן. וואָלט דעמאָלסט דער שטרייק געווען אויסגעבראָכן אויך אין אַנדערע טיילן פונעם לאַנד, וואָלטן שוין דעמאָלסט די טעג פון דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע, וועלכע איז שוין לאַנג צייטיק געווען פאַרן צוזאַמענבראָך, געווען געציילטע. אַזוי ווי אָבער דאָס איז צום באַדויערן נישט גע־שען, האָט די רעגירונג באַוויזן אַריבערצוברענגען אויף גיך פאַרשידענע געטרייע מיליטעראָפּטיילן קיין קאַטאַלוניע. פונדעסטוועגן האָבן די אַרבעטער געקעמפט מיט גרויס מוט און א היפשע צאָל באַריקאַדן האָבן געקאָנט גענומען ווערן נאָר מיט פייער פון אַרטילעריע. אָבער די בונטאַרן זיינען געווען שלעכט באַוואָפנט און די אַמוניציע האָט זיך ביי זיי באַלד געענדיקט. דעם 1טן אויגוסט איז דער אויפשטאַנד געווען אונטערגעדריקט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער ווייסער טעראָר, פון וועלכן אויך פערער האָט געדאַרפט פאַלן א קרבן.

אַז דער יולי־אויפשטאַנד איז געווען דער לאָגישער רעזולטאַט פון דער אויפ־געוועקטער שטימונג פונעם פאָלק קעגן דער רויב־מילחמה אין מאַראָקאָ און אַז ער האָט נישט געקאָנט האָבן אַרויסגערופן געוואָרן פון אַן איינצלנעם מענטשן, דאָס איז געווען קלאָר פאַר יעדן איינעם, וועלכער איז געווען, ווען אַפילו בלויז אויבנאויפיק, באַקאַנט מיט די פאַרהעלטענישן. וואָלט מען געווען געשטעלט פערערן פאַר א ציווילן געריכט, וואָלט ער, פונקט ווי מיט צוויי יאָר צוריק, געווען באַפרייט געוואָרן, מחמת מ׳האָט נישט געקאָנט ברענגען אפילו דעם מינדסטן באַווייז פאַר זיין שול־דיקייט. די רעגירונג האָט דאָס געוווסט. דעריבער האָט זי זיך נישט געוואָלט אויס־שטעלן נאָכאַמאָל צו אַ מאָראַלישער מפּלה, ווי ביי יענעם פּראָצעס אין מאַדריד. זייער כאַראַקטעריסטיש איז געווען דאָס, וואָס ס׳האָט דעמאָלסט געשריבן די קלעריקאַלע צייטונג „על אוניווערסאָ”: „ציווילע געריכטן האָבן די טבע צו פאַרלאַנגען באַשטימ־טע און אַנטשיידנדיקע באַווייזן פאַר דער שולד פון די אָנגעקלאָגטע... מיליטערישע געריכטן זיינען נישט געצוווּנגען זיך צו האַלטן ביי קאָנקרעטע באַווייזן. ס׳איז גענוג,

אַז די ריכטער שאַפן ביי זיך אַזאַ מאָראַלישע איבערצייגונג, וועלכע איז בהסכם מיט זייער געוויסן".

דערמיט קאָן מען, נאַטירלעך, יעדן מענטשן דערפירן צו דער תליה. מחמת נישט פאַראַן קיין לייכטערע זאַך פאַר מענטשן, וועלכע זיינען באהערשט פון פריער אָנגענומענע מיינונגען און פון בלינדן פאַראורטייל, ווי „צו שאַפן ביי זיך א מאָראַלישע איבערצייגונג", ביפרט אין אַ צייט פונעם „ווייסן טעראָר", ווען יעדער באַגריף מכוח רעכט פאַרלירט יעדן מין גילטיקייט. דערמיט, וואָס נאָך איידער די רעגירונג האָט אַרעסטירט פעררערן און איידער נאָך זי האָט אים געשטעלט פאַרן געריכט, האָט זי פריער תיכף פאַרמאַכט אַלע וועלטלעכע שולן, קאָנפיסקירט איבער 120 טויזנט ביכער פון זיין פאַרלאַג און אַרעסטירט אַלע אָנגעשטעלטע, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט אינעם פאַרלאַג, ווענען זי האָט, צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס, פאַרשיקט קיין טערועל, האָט זי אַליין געגעבן דעם בעסטן באַווייז, אַז עס אינטערעסירן זי נישט קיין ממשותדיקע באַווייזן פאַר דער שולד פונעם אָנגעקלאָגטן, נאָר אים צו פאַרמישפּטן פאַר יעדן פּרייז.

פעררער, וועלכער האָט זיך מיט ווידערווילן געלאָזט באַוועגן פון זיין מישפּחה זיך אויסצוהיטן, מחמת די ווילדע העצע קעגן אים האָט געלאָזט מורא האָבן פאַרן ערגסטן, און זיך אויסבאהאלטן ביי א באַקאַנטער פאַמיליע נאָענט פון באַרסעלאָנאַ, האָט ערשט מיט אַ חודש שפּעטער פאַרלאָזט זיין באַהעלטעניש, ביכדי זיך פרייוויליק צוצושטעלן פאַר זיינע ריכטער, מחמת ער האָט נישט געוואָלט נאָך לענגער אויסשטעלן זיינע פריינט צו דער סכנה אַנטדעקט צו ווערן. אויפן וועג קיין באַרסעלאָנאַ איז ער דערקענט געוואָרן און מ'האָט אים צוגעשטעלט צום געריכט ווי אַן אַרעסטירטן. דער רעשט איז באַקאַנט.

די ידיעה וועגן פעררערס דערמאָרדונג האָט אין דער גאַנצער וועלט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון אויפברויז, וואָס מ'האָט מיסתמא אַזעלכן פריער קיינמאָל נישט געזען. דאָס, פון וואָס זיינע הענקער האָבן זיך געוואָלט אויסהיטן, איז דווקא דורך דער שענדלעכער דערמאָרדונג פון זייער קרבן אַזוי שטאַרק אָנגערעגט און דערמוטיקט געוואָרן, וואָס האָט אפילו ווייט איבערגעטראָפן די געוואַגטסטע דערוואַרטונגען. פעררערס אויפטו, וועלכער איז ביז דעמאָלט געווען גוט באַקאַנט בלויז אין שפּאַניע, איז מיטאַמאָל געוואָרן דער צענטער פון אַלעמענס באַוווּנדערונג. אין אַלע שפּראַכן האָבן זיך באַוויזן חוץ אַן אַ שיער אַרטיקלען אין די צייטונגען אויך בראָשורן און ביכער וועגן דעם לעבן פונעם אומגעבראַכטן און וועגן די צילן, וועלכע ער האָט זיך געהאַט געשטעלט. זיין בילד איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין מיליאָנען עקזעמפּליאַרן אין אַלע לענדער. פּראָפעסאָרן, דערציער, קינסטלער, שריפטשטעלער, וויסנשאַפטסלייט און באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן אויף אַלע געביטן פונעם עפנטלעכן לעבן האָבן זיך אין אַלע לענדער צונויפגענומען, ביכדי צו פאַרשפּרייטן זיין ווערק. 59 מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונגען אין פראַנקרייך האָבן א נאָמען געגעבן נאָך אים זייערע גאַסן און עפנטלעכע פּלעצער. די שטאָט בריסל איז געווען די ערשטע, וועלכע האָט לכבוד אים אַוועקגעשטעלט א דענקמאָל אויף אַן עפנטלעכן פּלאַץ. זעלטן־ווען

האָט דער טויט פון אַן איינצלנעם מענטש אַזוי שטאַרק אויפגעבראַזט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט.

ס׳איז געווען בעיקר פּערערס רואיקע און נישט אַמביציעזע האַלטונג פאַרן טויט, וועלכע האָט אומעטום געמאַכט אַזאַ טיפן איינדרוק. ער האָט געקעמפט פאַר זיין לעבן מיט שטאָלצער חשיבות, אָבער ווען ער האָט געזען, אַז ס׳איז פאַר אים מער נישט פאַראַן קיין האָפענונג, האָט ער אויך געוווּסט, ווי אַזוי צו שטאַרבן ווי אַ מענטש, אָן מורא און פאַלשן אָנשטעל. די לעצטע בריוו צו זיינע נאָענטסטע קרובים, זיין צוואה געשריבן אין דער נאַכט פאַר זיין דערשיסונג, דער איידעלער אופן, מיט וועלכן ער האָט אָפּגעוואָרפן די „טרייסט" פון צודרינגלעכע גלחים, דער לעצטער שמועס מיט זיין מוטיקן פאַרטיידיקער, דאָס אַלעס האָט אַרויסגעוויזן זיין זעל־טענע נשמה־גרויסקייט און זיין עכטן העראָיזם, וועמען אַפילו די גרימצאָרנדיק־סטע קעגנער האָבן נישט געקאָנט נעגירן קיין רעספּעקט. ס׳איז געפאַלן אַ מענטש, אַ מאַן, וועלכער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן און זיין אויפטו, אָבער וועלכער האָט אויך געוווּסט, ווי אַזוי צו שטאַרבן, ווען ס׳איז געקומען זיין שעה.

די שאָסן אין די מאָנטזשויִטשער אָקאָפּעס האָבן אונטערגעהאַקט פאַר דער צייט אַ רייך מענטשלעך לעבן, אָבער זיי האָבן אויך באַקאַנט געמאַכט זיין אויפטו איבער דער גאַנצער וועלט און איינצייטיק אויך געטראָפן זיינע אומווירדיקע תּליונים. אַ וואָך נאָך זיין דערשיסונג האָט מאַוראַס רעגירונג געמוזט אַוועק. דער פּחדנישער פאַרברעך, וועלכער איז קאַלטבלוטיק פאַרטראַכט און דורכגעפירט געוואָרן, איז גע־וואָרן איר אומגליק. אויף איר אָרט איז געקומען אַ נייער קאַבינעט. ס׳זיינען צוריק־געשטעלט געוואָרן די רעכט פון דער קאָנסטיטוציע. און איצט איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון אויפבראַז איבערן גאַנצן לאַנד. פון אומעטום איז געקומען די פאָדע־רונג, ס׳זאָלן אַרויסגעלאָזט ווערן די אַרעסטירטע, וועלכע האָבן אָנגעפילט אַלע תּפיסות. די נייע רעגירונג האָט זיך נישט לאַנג געקאָנט אַנטקעגנשטעלן קעגן אַט־דער פאָדערונג. אין יאַנואַר 1910 האָבן זיך געעפנט די טויערן פון די תּפיסות און טויזנטער אַרעסטירטע האָבן צוריקבאַקומען די פרייהייט, צווישן זיי אויך אַ סך, וועלכע האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די געשעענישן פון חודש יולי. אַזוי אַרום האָט פּערערס טויט געראַטעוועט דאָס לעבן און די פרייהייט פון אַ סך אַנדערע.

איך האָב זיך באַקענט פּערזענלעך מיט פּערערן אַ האַלב יאָר פאַר זיין דער־מאָרדונג, ווען ער איז געווען אין לאָנדאָן. דאָס איז געווען אינעם טאָג פון דער 1טער מאַי־דעמאָנסטראַציע אין הייד־פּאַרק. מיר האָבן געהאַט, פּונקט ווי אַלע יאָר, אַ באַזונדערע טריבונע אין פּאַרק, פון וועלכער ס׳פלעגן רעדן רעדנער אין ענגליש און אין אַנדערע שפּראַכן. ביי אַט־דער געלעגנהייט האָט מיר מיין פריינט טאַררידאַ דעל מאַרמאָל געזאָגט, אַז פּערערער און זיין פרוי זיינען אַנומלטן אָנגעקומען קיין לאָנדאָן און אַז זיי געפינען זיך דאָ צווישן די פּאַרזאַמלטע.

פּערערס נאָמען איז מיר געווען באַקאַנט נאָך פון אייניקע יאָר צוריק. איך בין געווען אַ רעגלמעסיקער לייענער פונעם „באָלעטין דע לאַ עסקועלאַ מאָדערנאַ" און פון דער „עקאָל רענאָווע" און איך האָב אויך געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען

מיט אייניקע טעקסטביכער פון זיינע שולן. נאַטירלעך איז מיר אויך געווען גוט באַקאַנט די געשיכטע פון זיין ערשטן פּראָצעס אין מאַדריד און איך האָב וועגן דעם געהאַט געשריבן אינעם „אַרבייטער־פריינד". איך האָב אויך אין סעפּטעמבער 1908 געהאַט פאַרעפנטלעכט אין „זשערמינאַל" זיינס אַן אַרטיקל צוזאַמען מיט קראָפּאָטקינס א בריוו צו פערערן, אין וועלכן ס'האָט זיך גערעדט וועגן די נייע דערציונגס־מעטאָדן. ס'איז דעריבער געווען פאַר מיר אַן אָנגענעמע איבעררעאַשונג זיך פּערזענלעך צו באַקענען מיטן מענטשן, וועמעס אויפטו אין שפּאַניע האָט געהאַט אויסצושטיין אַזויפיל אומגערעכטע פאַרפאָלגונגען.

ווען איך בין נאָכן מיטינג אַראָפּגעגאַנגען פון דער טריבונע צוזאַמען מיט טאַררידא דעל מאַרמאָל, האָט ער פאַר מיר פאָרגעשטעלט פערערן און סאָלעדאַד ווייזשאַפּראַנקאַ. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ מענטש פון מיטעלן וווקס אין אַ געלגרויען אָנצוג, מיטן לייכטן שטרויענעם קאַפּעלוש אין דער האַנט. דער פאָדערשטער טייל פונעם קאָפּ איז שוין געווען אינגאַנצן פּליכעוואַטע, גלאַטיק, די קורצגעשוירענע האָר אַרום די שלייפן לייכט גרוי, פונקט אַזוי ווי דאָס קורצע שפּיציקע בערדל. דאָס ביסל ברייטלעכע פּנים האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון רואיקער אַנטשלאָסנקייט און די גלאַנציקע, לעבעדיק־בליצנדיקע אויגן האָבן תיכף פאַרראַטן דעם דרומדיקן מענטשן. סאָלעדאַד ווייזשאַפּראַנקאַ איז געווען א רייצנדיקע פרוי, אַ זעלטענע שיינקייט. ביים פאָרשטעלן אונדז, האָט טאַררידא דעל מאַראָל צוגעגעבן די באַמערקונג, אַז איך האָב גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל בעת דער פּראָטעסט־באַוועגונג מיט צוויי יאָר צוריק; פערערער האָט מיר נאָכדעם פעסט געדריקט די האַנט און מיר האַרציק געדאַנקט. מיר זיינען דערנאָך אוועק צוזאַמען מיט מאַלאַטעסטאַ, טשערקעסאָוו, שאַפּיראָ און אייניקע אַנדערע אין א שכנישן קאַפעהויז נאָענט פון מאַרבל אַרש און דאָרט פאַרבראַכט עטלעכע שעה אין אַ לעבעדיקן שמועס, וועלכער האָט זיך בעיקר געדרייט אַרום אונדזער געלונגענער מאַניפעסטאַציע. ביים געזעגענען האָט מיך טאַררידאַ פאַרבעטן אים צו באַזוכן אין צוויי אָדער דריי טעג אַרום און מיר געזאָגט, אַז אויך פערערער און זיין פרוי וועלן דאָרט זיין.

ווען איך בין יענעם אָוונט אריינגעקומען אין דער גאַסטפריינטלעכער וווינונג פונעם לייטזעליקן טאַררידאַ, האָב איך שוין דאָרט געטראָפן פאַרזאַמלט אַ קליינע געזעלשאַפט פון באַקאַנטע חברים, וועלכע האָבן געפירט אַ לעבעדיקן שמועס מיט פערערן. צווישן זיי איז געווען מאַלאַטעסטאַ, טשערקעסאָוו, רעקיאַני און לאָרענסאָ פּאָרטעט, וועמען פערערער האָט אין דער נאָכט פאַר זיין טויט אין זיין צוואה באַשטימט ווי דעם נאָכפאָלגער פון זיין דערציונגס־אַרבעט. דער שמועס איז אין יענעם אָוונט געווען א דורכויס פרייער, ד. ה., מ'האָט גערעדט וועגן פאַרשידענע זאַכן, וועלכע זיינען צופעליק אַרויפגעבראַכט געוואָרן פון דעם אָדער פון יענעם. צום מייסטן אָבער האָט זיך דער שמועס געדרייט אַרום דער פּאָליטישער לאַגע אין שפּאַניע, וועגן פערערס איבערלעבענישן פאַר און בעת זיין פּראָצעס אין מאַדריד און וועגן די פּערספּעקטיוון פאַר דער מאָדערנער שול. פערערער איז געווען ביי דער מיינונג, אַז די מאָנאַרכיע אין שפּאַניע האָט שוין פון לאַנג פאַרלוירן יעדן מאָראַלישן

קרעדיט און זי גייט אומאָפּשטעלבאַר צום אונטערגאַנג, אַן אונטערגאַנג, וועלכער קאָן מער נישט אָפּגעשטעלט ווערן, ווייל דער אַלטער רעזשים איז שוין מער נישט פעיק פאַר קיין אינערלעכער באַנייונג. פונדעסטוועגן, האָט ער געמיינט, איז מעגלעך, אַז דער איצטיקער צושטאַנד זאָל נאָך אַזוי אָנהאַלטן אפשר פון צען ביז פופצן יאָר, אויב ס׳וועלן אינצווישן נישט פאָרקומען קיין אומפאָרויסגעזעענע פּאַסירונגען, וועלכע זאָלן אונטעריאָגן דעם פּראָצעס פון אינערלעכן צעפאַל. די סיבה פון דער פאַרשלעפּונג האָט ער געזען אין דער האָפענונגסלאָזער צעשפּליטערונג פון די רע־פּובליקאַנישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן זינט דעם טויט פון פּי אי מאַרגאַל נישט אַרויסגעבראַכט קיין איינציקן מענטשן מיט פּאָליטישער וויזיע און ענלעכער טיפ־קייט אין די געדאַנקען.

פעררער איז געווען מיט דער מיינונג, אַז דער ערשטער עטאַפּ פון אַ פּאָליטישן איבערקער אין שפּאַניע וועט קודם־כל דערפירן צו אַ פעדעראַטיווער רעפּובליק מיט ווייטגייענדיקע רעכטן און פרייהייטן פאַר די געמיינדעס און ראַיאָנען, מחמת אַזאַ סיסטעם איז צום בעסטן צוגעפּאַסט צו די פאַרהעלטענישן און טראַדיציעס פונעם לאַנד. אַזאַ צעשטערונג פון די פּאָליטישע מאַכט־פאַרהעלטענישן דורך דער צענטראַ־ליזאַציע פון דער סאָציאַלער פאַרוואַלטונג וואָלט שוין פון זיך אליין געמוזט דערפירן צו אַ טיפגייענדיקער פאַרענדערונג אין די עקזיסטירנדיקע עקאָנאָמישע פאַרהעל־טענישן, ביפרט, ווען די גרויסע מערהייט פון דער שפּאַנישער אַרבעטערבאַוועגונג באַציט זיך מיט אומצוטרוי צו אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, איינשליסלעך צו די רע־פּובליקאַנער, און זי זעט אין אירע סינדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס דעם בעסטן שטיצ־פּונקט פאַר אירע עקאָנאָמישע שטרעבונגען. צוליב דעם איז עס אומפאַרמיידלעך, אַז די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס זאָלן אין אַ סיסטעם פון פעדערירטע געמיינ־דעס און ראַיאָנען האָבן אַ גרויסן איינפלוס, וועלכער זאָל דערפירן צו גאַנץ נייע עקספּערימענטן אין דער עקאָנאָמיע. אַ ריין־פּאָליטישע רעוואָלוציע וואָלט שוין, לויט פעררערן, געקומען צו שפּעט. דעריבער איז זיך משער צו זיין, אַז די אָפּשאַפונג פון דער מאָנאַרכיע וועט דאָס לאַנד יאָרנלאַנג האַלטן געשפּאַנט און וועט מיסתמא לסוף ווערן אַ ווענדפּונקט פאַר אַ נייער סאָציאַלער אַנטוויקלונג.

ווען כ׳האָב אים איבערגעפרעגט וועגן זיינע פערזענלעכע דערפאַרונגען בעת זיין אונטערזוכונגס־אַרעסט פאַר זיין פּראָצעס אין מאַדריד, האָט פעררער דערקלערט, אַז מ׳האָט אים באַהאַנדלט גאַנץ אָנשטענדיק. מ׳האָט אפילו אָן שוועריקייטן צוגע־לאָזט צו אים אַלע ביכער, וועלכע זיינע פריינט האָבן אים צוגעשיקט מיט דער אויסנאָם פון צוויי פראַנצויזישע, — טאָלסטאָיס „ווידוי״ און דאָס ווערק פונעם וועלט־באַקאַנטן הומאַניסט עראַזמוס פון ראָטערדאַם, „די לויב פון דער טיפּשות״. ווען ער האָט געפרעגט דעם ריכטער וועגן דער סיבה פון אָט־דעם מער ווי מאָדנעם פאַר־באָט, האָט ער געענטפערט מיט אַזאַ מין ביטולדיקן זשעסט און נישט געוואָלט רעדן דעריבער. פעררער האָט גערעדט מיט אַ סך וואַרעמקייט וועגן זיין מיטבאַשולדיקטן כאָסע נאַקענס, דעם לאַנגיאָריקן אַרויסגעבער פונעם „על מאָטין״ אין מאַדריד, אַן אַלטער רעפּובליקאַנער, וועגן וועמען פעררער האָט געהאַט אַ גאָר הויכע מיינונג צוליב זיין

אויפריכטיקן כאראקטער און זיין ריטערלעכער איבערצייגונג. נאָקענס, האָט ער גע־מיינט, האָט זיך פאַרדינט דעם גרעסטן רעספעקט אַדאַנק זיין מוטיקן האַלטן זיך אין געריכט *).

וואָס ס'האָט מיר דעמאָלט צום שטאַרקסטן גערופן די אויפמערקזאַמקייט ביי פעררערן, איז געווען די זיכערקייט פון זיינע רייד און דער סימפאַטישער אופן, ווי ער האָט אַרויסגעבראַכט זיינע געדאַנקען. יעדעס וואָרט זיינס האָט געאָטעמט מיטן גייסט פון אינערלעכער אויפריכטיקייט, ווען ס'איז געווען פרעמד יעדער מין אָנשטעל־לערישקייט. דאָס האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן, ווען ער האָט גערעדט וועגן זיין אייגענעם אויפטו און וועגן די מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען נאָענט צו אים ביי זיין אַקטיוויטעט. ער האָט גערעדט מיט גרויסער וואַרעמקייט וועגן זיין נייעם פּלאַן, — צו גרינדן א פרייע אוניווערזיטעט אין באַרסעלאָנאַ, הגם ער האָט גוט געוווסט, אַז ס'וועלן דערביי מוזן בייגעקומען ווערן גרויסע שוועריקייטן, ספּעציעל ביים אָפּ־קלייב פון די פּראָפעסאָרן. פונדעסטוועגן האָט ער גערעכנט, אז ער וועט באַוויזן ביסלעכווייז אריבערצושפּאַנען אָט־די שטרויכלונג.

ווען מ'האָט אים געפרעגט, וועגן דעם צושטאַנד פון די עקזיסטירנדיקע פרייע שולן, האָט ער דערקלערט, אז עס לערנען זיך דערוויילאיבער אכט טויזנט קינדער אין זיי. די שוועריקייט ליגט נישט אין באַקומען קינדער פאַר דידאַזיקע שולן, נייערט בייצוקומען די קעגנווירקונגען, וועלכע די קינדער ברענגען אָפּט מיט פון זייערע היימען, באַזונדערס ביי קינדער פון פאַמיליעס, וועמעס טאַטע־מאַמע האָבן

---

*) מאַטעאָ מאָראַל האָט, ווי באַקאַנט, באַלד נאָך זיין דורכגעפאַלענעם אטענטאט אויפן קעניג באַזוכט נאָקענסן אין דער רעדאַקציע פון זיין בלאַט, אים געלאָזט וויסן וועגן זיין טאַט און אים געבעטן אים לאָזן איבערנעכטיקן ביז צומאָרגנס. נאָקענס, וועלכער האָט ביז דעמאָלסט אפילו נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן אַטענטאַט און איז געווען לגמרי פרעמד ס׳י צום דורכפירער זיינעם און סיי צו זיין אידעאָלאָגיע, האָט תיכף פאַר׳׳ל״ס״ מאָראַלן איז אַ צימער און זיך באַלד אַרויסגעלאָזט זוכן א באַהעלטעניש פאַר אים. ווען ער איז נאָך אַ היפּ־שער צייט צוריקגעקומען, האָט ער אים אַוועקגעפירט צו א פריינט, בערנאַרדאָ מאַטאַ, וועל־כער האָט לחלוטין נישט געוווסט, וועמען ער באַהאַלט אויס. מאָראַל האָט דאָרט פאַר־בראַכט די נאַכט און צומאָרגנס איז ער אין אַן אומפאַרדעכטיקטער הלבשה אַוועק פון מאַד־ריד. צוויי טעג שפּעטער האָט אַ דאָרף־פּאָליציאַנט אין אַ קליינעם דערפל פערצן מייל פון דער הויפּטשטאָט געוואָרפן אויף אים אַן אויג. ווען ער האָט אים פארהאלטן, כדי אים אָפּצור־פירן אינעם פּאָליציי־צירקל, האָט ער דערשאָסן דעם פּאָליציאַנט און דערנאָך באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

ווען דער פּרעזידענט פון געריכט האָט נאָקענסן אוועקגעשטעלט די פראַגע, פאַרוואָס ער האָט נישט געלאָזט וויסן דער פּאָליציי וועגן דעם מאָדנעם באַזוך ביי אים אין ביוראָ, צו וואָס ער האָט געהאַט גענוג צייט און מעגלעכקייטן, האָט אים דער אַלטער מאַן געענטפערט מיט אויפברויז: „נאָר אַן אויסוואורף וואָלט אויף אַזאַ געמיינעם אופן פאַרלעצט די הייליקייט פון דער גאַסטפריינטלעכקייט און פונעם אַזילרעכט לגבי א פארפאָלגטן מענטשן, וועלכער האָט ספּאָנטאַן איבערגעגעבן זיין לעבן אין מיינע הענט, ביכדי ביי מיר צו געפינען אַ מקום־מיקלט".

נאָקענס איז דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן מיט ניין יאָר תפיסה, אָבער נאָך א קורצער צייט איז ער באַפרייט געוואָרן, ווייל די עפנטלעכע מיינונג האָט זיך מוטיק פאַר אים אַרויסגעשטעלט און פאַרלאַנגט זיין באַפרייונג.

אין וועלכן ס'איז אַנדערן לאַנד וואָלט אַזאַ פאַל געווען אומדענקבאַר. אין שפּאַניע אָבער איז עס געווען לגמרי בהסכם מיטן רעכטבאַוווסטזיין פונעם פאָלק וועגן דער אומבאַ־רירלעכקייט פונעם רעכט צו באַשיצן אַ גאַסט.

יעדער איינער אַן אַנדערן קוק אויפן לעבן. ביכדי צו פּאַרווישן אַט־די שוועריקייט, זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַפטע צונויפטרעפן צווישן עלטערן און לערער, וועלכע האָבן זיך גאָר גוט איינגעגעבן. „עס גייט בעיקר אין דעם, צו אַנטוויקלען גאַנצע מענטשן און נישט בלויז פראַגמענטן פון אַזעלכע", האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק. „אַ גאַנצער קאַטאָליק איז בדרך כלל שטענדיק בעסער ווי אַ האַלבער פריידענקער".

ס'איז געווען אַ זייער אַנגענעמער אָוונט און ס'איז שוין געווען היפּש שפּעטלעך, ווען מיר האָבן זיך געקליבן אַהיימצוגיין און זיך געזעגנט. ווען האָט דעמאָלסט געקאָנט איינפאַלן, אַז אַט־דער אויפריכטיקער, מיט אַזוי פיל הומאַניסטישע אידעען דורכגעדרונגענער מענטש, וועט אין פינף חדשים אַרום מוזן פאַרענדיקן זיין אַזוי־אַרבעטזאַם לעבן אין די פעסטונגס־אָקאָפּעס פון מאָנטכואיטש?

דער יולי־אויפשטאַנד אין קאַטאַלוניע, וועלכער האָט דער שפּאַנישער רעגירונג געדאַרפט דינען ווי אַ תירוץ, ביכדי אָפּצורוימען פראַנסיסקאָ פערערן פונעם וועג, פּאַרדינט, אגב, אַ באַזונדערן אָפּשטעל, מחמת דאָס איז געווען דער ערשטער פּרווו פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט דורך אַ פּאַרייניקטן ווידערשטאַנד צו מאַכן אַ סוף צו אַ מילחמה, וועלכע איז אָנגעהויבן געוואָרן אויף אַזאַ געמיינעם אופן. ס'איז אמת, אַז אַט־דער פּרווו האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ בלוטיקער מפּלה פון די אַרבעטער, אָבער די נייע רעגירונג איז, פונדעסטוועגן, געווען געצוווּנגען אָפּצושטעלן די ווייטערדיקע מאָביליזאַציע פון רעזערוויסטן און צו מאַכן אַ סוף צו דער גאָרנישט בכבודיקער אַוואַנטורע אין מאַראָקאָ.

די געשעענישן אין קאַטאַלוניע האָבן אַ געוויסע צייט שפּעטער געהאַט אַן אייגנ־אַרטיקן נאָכשפּיל אינעם אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ פונעם אַנאַרכיסטישן אינטערנאַ־ציאָנאַל אין לאָנדאָן. איינער פון די דריי דעלעגאַטן פונעם געהיימען קאָמיטעט אין באַרסעלאָנאַ, וועלכער האָט צוגעגרייט דעם גענעראַלשטרייק, מיגעל מאַרענאָ, איז נאָך דער אונטערדריקונג פונעם אויפשטאַנד אַנטלאָפן קיין פּאַריז און פון דאָרט געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די חברים פון קאַטאַלוניע. אין פּאַריז איז ער באַקאַנט געוואָרן מיט אַ יונגן יידישן חבר, משה שוטץ, וועלכער האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק געמוזט אַנטלויפן פון אַרגענטינע צוליב דער אַלגעמיינער רעאַקציע, וועלכע איז געקומען ווי אַ פּועל־יוצא פון ראַדאָוויצקיס אַטענטאַט אין בוענאָס־איירעס. אַ געוויסע צייט שפּעטער האָט מאַרענאָ געשיקט שוטצן מיט אַ וויכטיקן בריוו קיין באַרסעלאָנאַ, אַ בר ווו, וועלכן ער האָט נישט געוואָלט אָנפאַרטרויען דער פּאָסט. אָבער שוטץ איז אַרעסטירט געוואָרן ביי דער גרענעץ און מ'האָט ביי אים געפונען דעם בריוו. אַלע באַמיונגען פון דער פּאָליציי ביי אים אַרויסצובאַקומען פּרטים, צו וועמען דער בריוו דאַרף איבערגעגעבן ווערן, האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַט. נאָכדעם ווי מ'האָט אים געהאַלטן אייניקע וואָכן אונטער אַ שטרענגן תפיסה־רעזשים און דורך סטראַשונקעס אים געוואָלט „ווייך מאַכן", האָט מען זיך אָבער לסוף געמוזט אָפּזאָגן דערפון. אָבער אַזוי ווי שוטץ איז געווען אַ געבוירענער אין רוסלאַנד, האָבן די שפּאַנישע אויטאָריטעטן באַשלאָסן אים איבערצוגעבן אין די הענט פון דער רוסישער פּאָליציי, ביכדי אים אַזוי אַרום אומשעדלעך צו מאַכן. אַזוי אַרום איז אַט־דער יונ־

גערמאַן, נישט געקוקט אויף זיינע פּראָטעסטן, אין א שיינעם טאָג אַרויפגעפּעקלט געוואָרן אויף א שיף, וועלכע איז געפאָרן קיין אָדעס.

איז אים אין זיין לאַגע נישט געווען וואָס מקנא צו זיין, ווייל ס'איז געווען זיכער, אַז ווי נאָר ער וועט אָנקומען קיין רוסלאַנד, וועט מען אים תיכף אַרעסטירן און אים פאַרהאַלטן ווער ווייס אויף ווי לאַנג אָדער גאָר פארשיקן קיין סיביר.

אזוי ווי ער האָט זיך אויף דער שיף געקאָנט פריי באַוועגן, האָט ער זיך באַקענט מיט א געוויסער צאָל שפּאַנישע אַרבעטער, וועלכע זיינען געפאָרן אין דערזעלביקער שיף קיין מאַרסעי. אַזוי אַרום איז ער געוואויר געוואָרן, אַז דער רוב פון זיי האָט באַלאַנגט צו דער סינדיקאַליסטישער אָרגאַניזאַציע „סאָלידאַרידאַד אָברעראַ". און אַזוי ווי ער האָט נישט געהאַט גאַרנישט וואָס צו פאַרלירן און אַלעס צו געווינען, האָט ער זיי דערציילט אַלץ, וואָס ס'האָט מיט אים פּאַסירט און זיי האָבן אַרויסגעוויזן א גרייטקייט אים בייצושטיין אין זיין בויטלאַגע. איידער די שיף האָט פאַראַנקערט אין דער פראַנצויזישער פּאָרט־שטאָט, האָבן אים זיינע נייע פריינט איבערגעטאָן און פאַרשטעלט און אַזוי אַרום האָט שוטץ באַוויזן זיך אַראָפּצוכאַפּן פון דער שיף צוזאַמען מיט דער מחנה אנדערע פּאַסאַזשירן. זיין אַנטלויפן איז אַפילו באַלד אנטדעקט געוואָרן, אָבער אזוי ווי ס'האָט זיך איינגערעדט איינגעהאנדלט וועגן דער באַשיימפּערלעכער סעקוועסטראַציע פון אַ מענטשן, האָבן די פראַנצויזישע אויטאָריטעטן געהאַלטן פאַר ראַטזאַמער צו פארשווייגן די טונקעלע פּלענער פון דער שפּאַנישער פּאָליציי, ווייל אַזאַ אויפפּיר וואָלט אין יענע שטורמישע צייטן זייער לייכט געקאָנט אַרויסרופן א נייעם אויפברויז פון דער עפנטלעכער מיינונג.

באַלד נאָכדעם איז שוטץ געקומען קיין לאָנדאָן און אזוי ווי איך האָב שוין געוווסט וועגן זיין פאַל פון די פראַנצויזישע צייטונגען, איז ביי מיר זיין באַזוך געווען שטאַרק אָנגעלייגט, ביכדי פון אים אַליין צו הערן מער פּרטים וועגן יענע אויסערגעוויינלעכע געשעענישן. שוטץ איז נאָך דעמאָלסט געווען א גאָר יונגער מענטש, אָבער א לעבעדיקער און אָפנהאַרציקער, און דאָס האָט מיך באַלד צוגעצויגן צו אים. ער האָט געהאַט שטאַרקע תרעומות צו מאַרענאָ, וואָס דאָס איז געווען באַגרייפלעך, הגם ער האָט נישט געקאָנט באַווייזן, אז ער האָט געהאַט שלעכטע כוונות. ער האָט אויך געטענהט, אז מאַרענאָ האָט אַרויסגעוויזן ווייניק סאָלידאַריטעט מיט די שפּאַנישע פליטים אין פאַריז, הגם ער אַליין האָט געהאַט מכל טוב.

איך האָב גערעדט מיט מאַלאַטעסטאַ און שאַפּיראָ וועגן דעם עיניך, און אַזוי ווי אונדזער ביוראָ האָט נאָך מיט אַ צייט צוריק פאַר יענעם פאַל געהאַט באַשלאָסן צו פאַרבעטן מאַרענאָ קיין לאָנדאָן, ביכדי פון אים געוואויר צו ווערן מער פּרטים וועגן די יולי־געשעענישן און זייערע רעזולטאַטן, האָט מאַלאַטעסטאַ געהאַלטן, אַז מ'וואָלט ביי אַט־דער געלעגנהייט געדאַרפט געבן שוטצן די מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען זיין פאַל, ביכדי צו הערן, וואָס מאַרענאָ האָט אויף דעם צו ענטפערן. אַזוי איז עס טאַקע געווען. ביי יענער זיצונג זיינען געווען אַנוועזנדיק, חוץ די מיטגלידער פונעם ביוראָ, אויך זיגפריד נאַכט און עטלעכע אַנדערע באַקאַנטע חברים. נאָכדעם ווי מאַרענאָ האָט אונדז איבערגעגעבן אַ גאַנץ אויספירלעכע אינפאָרמאַציע

זועגן דעם פֿאַרלויף פֿון דער טראַגישער וואָך אין באַרסעלאָנאַ, איז אויך שוטק צוגעלאָזן געוואָרן צו די וויטערדיקע פֿאַרהאַנדלונגען און ער האָט איבערגעגעבן די פּרטים פֿון אַלע פֿאַסירונגען בעת זיין פֿאַנטאַסטישער רייזע און אירע רעזולטאַטן.

מאַרענאַ האָט זיך פֿאַרהאַלטן זייער רואיק, אפֿילו דעמאָלט, ווען שוטק האָט אים פֿאַרגעוואָרפֿן זיין כלומרשטן מאַנגל אין סאָלידאַריטעט לגבי די שפּאַנישע פּליטים. ווען מ׳האָט אים געפֿרעגט וועגן בריוו, מיט וועלכן ער האָט געשיקט שוטצן קיין שפּאַניע, האָט ער דערקלערט, אַז ס׳האָט זיך אין אים גערעדט וועגן זייער וויכטי־קע עינינים, אָבער ער איז געווען אָנגעשריבן אויף אַזאַ אופֿן, אַז נאָר אַ באַהאַוונטער האָט געקאָנט וויסן, וועגן וואָס ס׳רעדט זיך דאָרט. וואָלט דאָס נישט געווען אַזוי, האָט ער געטענהט, וואָלט מען שוטצן זיכער געווען פֿאַרהאַלטן און אויפֿן סמך פֿון די דאַטן פֿון יענעם בריוו געווען געשטעלט פֿאַר אַ פּראָצעס. ווען מ׳האָט אים געפֿרעגט אויף די סיבות, הלמאי ער האָט געשיקט שוטצן קיין שפּאַניע, האָט ער דערקלערט, אַז ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ דרינגנדיקן עינין, וועלכן מ׳האָט נישט געקאָנט אָפּציען לענגער און אַזוי ווי צוליב דער הערשנדיקער רעאַקציע ווערן אַלע בריוו אָדער אויפֿגעריסן אָדער גאָר אינגאַנצן צוגענומען מצד דער פּאָליציי, האָט ער באַטראַכט אַט־דעם אויסוועג ווי דעם בעסטן. דאָס, וואָס שוטק איז ביי דער גרענעץ אַרעסטירט געוואָרן, האָט ער מיסתמא צו פֿאַרדאַנקען זיין אייגענער אומגעשיקטקייט.

מיט דעם וואָלט מיסתמא דער גאַנצער עינין געווען באַטראַכט געוואָרן ווי פֿאַרענדיקט, מחמת ס׳האָט דאָך קיינער נישט געקאָנט אָפּלייקענען מאַרענאַס טענות און ס׳איז לחלוטין אויך נישט געווען קיין שום חשד קעגן אים, ביפֿרט וואָס די שפּאַנישע חברים האָבן אים אין יענע שטורמישע טעג איבערגעגעבן אַזאַ מיסיע, וועלכע מ׳גיט נישט איבער גלאַט אַזוי זיך דעם ערשטן־בעסטן.

אָבער ווען שוטק איז אַוועק פֿון דער זיצונג, האָט מאַרענאַ ווידער גענומען רעדן וועגן דעמדאָזיקן עינין. וועגן שוטצן האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט גאַנישט פֿויגלדיק און געגעבן אָנצוהערן, אַז ס׳קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז ער האָט געשפּילט אַ פּאָל־שע ראָל. אַזוי ווי שוטק איז דעמאָלט פֿאַרן רוב חברים געווען כימעט לגמרי אומ־באַקאַנט, האָבן מאַרענאַס ווערטער געמאַכט אַ געוויסן איינדרוק, און אייניקע חברים, וועלכע זיינען געהאַט צוגעצויגן געוואָרן צו יענער זיצונג, זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז ס׳איז נויטיק אַרויסצוגעבן אַן עפֿנטלעכע דערקלערונג פֿונעם ביוראָ, ביכדי אויסצומיידן פֿאַלשע און אומקאָנטראָלירטע קלאַנגען, וועלכע קאָנען אָנמאַכן צרות. אַזאַ מין דערקלערונג וואָלט נאַטירלעך שוטצן געווען געשטעלט אין אַ זייער צווייפֿלהאַפֿטן ליכט און אפֿילו ביי דער גרעסטער אָפּגעהיטקייט וואָלט עס אויף אים געווען געוואָרפֿן אַ חשד, וועלכער וואָלט געווען מסוגל צו פֿאַרביטערן אויף אייביק דאָס לעבן פֿון אַן ערלעכן מענטשן. ס׳איז יענעם אָוונט וועגן דעם נישט אָנגענומען געוואָרן קיין באַשלוס; דאָס האָט געזאָלט געטאָן ווערן ביי דער קומענדיקער זיצונג.

מיך האָט דער עינין שטאַרק באַאומרואיקט, וואָרן ביטערע דערפֿאַרונגען האָבן מיר געוויזן, ווי לייכט מ׳קאָן קעגן אַ מענטשן אין אַזעלכע עינינים באַגיין אַ גרויס

אומרעכט. מיט אייניקע טעג שפּעטער האָב איך זיך געזען מיט מאַלאַטעסטאַן און מיר זיינען ווידער אַרויפגעקומען אויף דערזעלביקער טעמע. עררִיקאָ איז געווען מיט דער מיינונג, אַז לכל הדעות איז מאַרענאָ באַגאַנגען אַ נאַרישקייט, וואָס ער האָט שוטצן געשיקט מיט יענעם בריוו קיין שפּאַניע, מחמת אין אַזעלכע שווערע צייטן איז בעסער און זיכערער אַ מינדלעכע שליחות, אָבער אַזוי ווי אין באַרסעלאָנאָ איז נישט פאָרגעקומען קיין שום זאַך, וואָס זאָל געווען קאָנען האָבן אַ שייכות מיטן בריוו, האָט ער אָנגענומען, אַז ער איז טאַקע באמת געווען אָנגעשריבן אַזוי, ווי מאַרענאָ האָט פאַרזיכערט און דער פּאָליציי נישט געקאָנט געבן קיין שום דאַטן אויף וואָס זיך צו שטיצן. מאַלאַטעסטאַ האָט דעריבער געהאַלטן דעם גאַנצן עניין ווי אַ פאַרפלאָנטערונג פון די אומשטענדן, וועלכע קאָנען טאַקע לייכט אַרויסרופן אַן אומבאַשטימטן פאַרדאַכט, אָבער וועלכע קאָנען זיך פונדעסטוועגן אפשר זייער לייכט דערקלערן אין זייער נאַטירלעכן שייכות צווישן זיך. דאָס ביוראָ האָט דעריבער געהאַלטן פאַר פּאַסיקער נישט אַרויסצוגעבן קיין עפנטלעכע דערקלערונג און נאָך ביז צום היינטיקן טאָג טוט עס מיר שטאַרק הנאה, וואָס איך האָב געהאַט אַ חלק אין דעם, אַז ס'זאָל אַזוי געשען.

איך האָב זיך שפּעטער גרינטלעך באַקענט מיט שוטצן און זיך איבערצייגט, אַז מיין ערשטער איינדרוק האָט מיך נישט אָפּגענאַרט. ער איז שפּעטער אָפּגעפאָרן אין די פאַרייניקטע שטאַטן און ער האָט זיך ביז צום היינטיקן טאָג אַרויסגעוויזן ווי אַן ערלעכער, צו זיין אידעאַל געטריי איבערגעגעבענער חבר, וועלכער איז נאָך ביז היינט צו טאָג אַקטיוו פאַר דער באַוועגונג. מאַרענאָ איז נאָך יענע געשעענישן אָפּגעפאָרן קיין אַרגענטינע, ווו ער איז נאָך אַ געוויסע צייט געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג, אָבער שפּעטער, אויף ווי ווייט ס'איז מיר באַקאַנט, גענצלעך פאַרשוווּנדן.

אַזוי ווי דאָ איז די רייד וועגן שפּאַנישע עיניינים, וועט מיסתמא נישט זיין אויסן וועג צו דערמאָנען מיינע שפּאַנישע באַקאַנטשאַפטן פון דער לאָנדאָנער צייט. מיין נאָמען איז אין לויף פון די יאָרן אַזוי גוט באַקאַנט געוואָרן אין דער פרייהייט־לעכער באַוועגונג פון שפּאַניע און פון די שפּאַניש־רעדנדיקע לענדער אין אַמעריקע, אַז גאַנץ אָפט האָב איך אַליין זיך געוווּנדערט. דער פאַקט איז, אַז כמיעט אַלע מיינע גרעסערע ווערק און אַ היפּשע צאָל קלענערע שריפטן זיינען אַרויס אין דער שפּאַ־נישער שפּראַך, צווישן זיי אייניקע, וועלכע זיינען ביז איצט אפילו נישט אַרויס אין דייטש. אויך מיין ווערק „באַציאָנאַליזם און קולטור" און אַנ־דידאַקטיקע מעמואַרן זיינען פריער אַרויס אין שפּאַניש. אפשר קאָן מען דאָס דערקלערן מיט אַ צופאַל, אָבער איך מיין, אַז ס'האָט דערביי געשפּילט אַ ראָל אַן אינערלעך־וועזנטלעכע קרו־בעשאַפט.

צווישן די פּאָליטישע פּליטים, וועלכע האָבן בעת מיין אויפהאַלט אין ענגלאַנד געוווינט אין לאָנדאָן, איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק ווייניק שפּאַניער. בעת די דייטשן, פראַנצויזן, איטאַליענער, פּאָליאַקן, רוסן, טשעכן, סקאַנדינאַווער, יידן אאַ"וו

האָבן זיך תמיד געהאַלטן אין באַזונדערע גרופּן צווישן זיך, האָבן די שפּאַניער אין יענער צייט אין ענגלאַנד נישט געהאַט קיין אייגענע אָרגאַניזאַציע. אָבער ווען ס'איז נאָך די שרעקלעכע פּאַסירונגען אין מאָנטכואיטש, אין יאָר 1896, געקומען אַ גרע־סערע צאָל שפּאַנישע אַנטלאָפענע קיין לאָנדאָן, איז צייטווייליק געווען אַ שפּאַנישע גרופּע, וועלכע איז אָבער באַלד ווידער פאַרשוווּנדן, ווען דער רוב חברים האָט מיט איניקע חדשים שפּעטער געקאָנט צוריקפאָרן קיין שפּאַניע. כימעט אַלע שפּאַנישע חברים, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט פאַרוואָרפן ווערן קיין לאָנדאָן, האָבן זיך ביי דער ערשטער געלעגנהייט אומגעקערט צוריק אין זייער היימלאַנד. בלויז די חברים טאַררידאַ דעל מאַרמאָל, לאָרענסאָ פּאָרטעט און וויסענטע גאַרסיאַ האָבן געלעבט אַ לענגערע צייט אין ענגלאַנד.

צווישן די שפּאַנישע עמיגראַנטן, מיט וועמען איך בין דעמאָלט געקומען אין נענטערן באַריר, זיינען געווען צוויי שטאַרק אָנגעזעענע און באַדייטפולע מענטשן, — כאָסע פּראַט און פ. טאַררידאַ דעל מאַרמאָל. פּראַט איז געקומען קיין לאָנדאָן בערך פינף אָדער זעקס חדשים פאַר די געשעענישן אין מאָנטכואיטש, ער איז דאָ אָבער געבליבן בלויז עטלעכע חדשים און זיך צוריק אומגעקערט קיין שפּאַניע. אַזוי ווי ער איז געווען אַ גאָר נאָענטער גוטער פריינט פון מיין שכן ווידאַל, האָב איך זיך באַלד באַקענט מיט אים און אים געזען כימעט יעדן טאָג. פּראַט איז, פּונקט ווי טאַררידאַ, געווען פון פּראָפעסיע אַן אינזשיניער און אַ זייער אינטעליגענטער און אָנגעלייענטער מענטש. דאָס פאַרברענגען מיט אים האָט מיר פאַרשאַפט איניקע אָנגענעמע און גענוספולע שעהן. איך האָב נאָך פון פריער געהאַט געשענקט אַ גע־ווויסע אויפמערקזאַמקייט דער פרייהייטלעכער באַוועגונג אין שפּאַניע, וועלכע איז אין יענער צייט בלויז פאַר ווייניק מענטשן אין אויסלאַנד געווען באַקאַנט. פּראַט איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט מיך באַוויגן און דערמוטיקט צו אַן ערנסטער פאַרשאַרבעט וועגן דער אייגנאַרטיקער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פונעם שפּאַנישן אַנאַרכיזם, וועלכער האָט זיך טאַקע אין יענעם לאַנד אויסגעשטאַלטיקט אין אַן אמתער פאָלקס־באַוועגונג. ס'איז אים מיסתמא נישט פאַרביי אומבאַמערקט, אַז מיין אינטערעס פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין זיין לאַנד ווערט כסדר גרע־סער, מחמת ער האָט מיך פון דעמאָלט אָן כסדר פאַרזאָרגט מיט שפּאַנישע צייט־שריפטן און קלענערע ביכלעך, ווען ווידאַל האָט אים געזאָגט, אַז איך בין פאַרנומען מיטן אויסלערנען זיך די שפּאַנישע שפּראַך.

דורך פּראַטן בין איך טאַקע באַלד באַקאַנט געוואָרן מיט דער טעטיקייט און דעם אויפטו פון פּי אי מאַרגאַל, וועגן וועלכן איך האָב ביז דעמאָלט בלויז געוווּסט, אַז ער איז געווען דער פּרעזידענט פון דער ערשטער שפּאַנישער רעפּובליק. פּראַט האָט מיר פאַרשאַפט אַן אויסגאַבע פון „לאַ רעאַקסיאָן אי לאַ רעוואָלוסיאָן", דורך וועלכער איך בין ערשט ריכטיק אַריינגעדרונגען אינעם געדאַנקענגאַנג פונעם גרויסן שפּאַנישן פעדעראַליסט, וועלכער איז נאָך, צום באַדויערן, ביז היינטצוטאָג געבליבן כימעט אומבאַקאַנט אינעם רוב אייראָפּעישע לענדער, הגם ער האָט באַלאַנגט בלי שום

ספק צו די באַדייטנדיקסטע מענטשן פון זיין צייט און געהאַט דעם גרעסטן איינפלוס אויף דער פרייהייטלעכער אַנטוויקלונג פון זיין לאַנד.

מ׳האָט גאַנץ אָפט געזוכט צו דערקלערן דעם שטאַרקן אויסשפּרייט פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין שפּאַניע מיט די מאָנסטרועזע פאַרפאָלגונגען פון דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע. אָבער ווען אפילו ס׳איז אמת, אַז אָט־די פעריאָדישע רדי־פות האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט צעברעכן די באַוועגונג אויף אַ לענגערער צייט, און זיי זיינען אויך אָן ספק נישט געבליבן אָן אַ ווירקונג אויף די מעטאָדן פון די שפּאַנישע אַנאַרכיסטן, איז עס דאָך אָבער אויך אומאָפּפרעגבאַר, אַז די גייסטיקע אַנטוויקלונג פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג איז קודם־כל באַשטימט געוואָרן דורך דער השפעה פונעם שפּאַנישן פעדעראַליזם, וועמעס טראַדיציעס ס׳האָבן גע־געבן דעם אַנאַרכיזם אין שפּאַניע זיין אייגנאַרטיקע כאַראַקטעריסטיק. אַ פאַקט איז, אַז אַ היפשע צאָל פון זיינע בעסטע פאַרשטייער, אַזעלכע ווי אַנסעלמאָ לאָרענסאָ, פערמין סאַלוואָטשעאַ, ריקאַרדאָ מעליאַ און אייניקע אַנדערע, האָבן צוערשט דורכ־געמאַכט די שול פונעם פעדעראַליזם.

כאָסע פּראַט האָט באַזונדערס אָנגעהאַלטן נאָענטע באַציונגען מיט ריקאַרדאָ מע־ליאַ, דעם באַדייטנדיקסטן קאָפּ, וועלכן דער אַנאַרכיזם אין שפּאַניע האָט אַרויס־געבראַכט. טאַקע אים האָב איך עס געהאַט צו פאַרדאַנקען, וואָס שוין דעמאָלט בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט אַ סך פון די וויכטיקסטע אַרבעטן פון יענעם גייסטרייכן שריפטשטעלער, ביפרט מיט זיינע אויסגעצייכנטע אַרבעטן פאַרן ערשטן און צווייטן „סערטאַמען סאָסיאַליסטאַ״, צוויי זאַמלביכער, אין וועלכע ס׳זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ געוויסע צאָל פון די בעסטע אַרבעטן פון באַקאַנטע שפּאַנישע חברים. צוזאַמען מיט מעליאַן האָט פּראַט שפּעטער צונויפגעזאַמלט דעם מאַטעריאַל פאַר דעם שוידערלעכן אָנקלאָגווערק „לאַ באַרבאַריע גובערנאַמענטאַל ען עספּאַניאַ״. וועלכעס האָט אַנטהאַלטן אַלע איינצלהייטן פון דער טראַגעדיע אין מאָנטכואיטש, און וועלכעס איז נישט אַרויס אין ניו־יאָרק, ווי עס זאָגט זיך צוליב מאָטיוון פון פאָרזיכטיקייט אויפן שער־בלאַט, נייערט איז געדרוקט געוואָרן בסוד אין קאָרוניאַ, שפּאַניע, און איז דאָרט פאַרשפּרייט געוואָרן געהיים אין דער צייט פון דער גרוי־זאַמסטער רעאַקציע.

פּראַט איז אין משך פון אַ סך יאָרן געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון די וויכטיקסטע אַנאַרכיסטישע צייטונגען אין שפּאַניע, ווו ער איז געשטאָרבן נאָך פאַרן אויסברוך פונעם בירגערקריג.

אַ סך מער ווי כאָסע פּראַט איז באַקאַנט אין אויסלאַנד פ. טאַררידאַ דעל מאַרמאָל, דער מחבר פונעם פראַנצויזישן בוך „לע אינקיסיטערס ד׳עספּאַניע״, וועל־כעס איז בשעתו שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן און דערלאַנגט געזונטע קלעפּ דעם קלעריקאַלן רעזשים אין שפּאַניע. טאַררידאַ איז געווען איינער פון די זעלטנסטע און אייגנאַרטיקסטע מענטשן, מיט וועמען איך האָב זיך אין מיין לעבן אָנגעטראָפן. אַ מענטש מיט אַ הויכער אינטעליגענץ, קאַוואַלירמעסיקער אָריענטאַציע און שטראַלנ־דיקער ליבנסווירדיקייט ווי ער איז געווען, איז ער אין יעדן קרייז געווען אַן

אַנגעלייגטער און ליבער גאַסט און געווען באַליבט ביי אַלעמען, וועלכע זיינען מיט אים געקומען אין באַריר. דאָס האָט נאָך מער געררופן די אויפמערקזאַמקייט באַזונדערס דערפאַר, וואָס טאַררידאַ האָט נישט באַלאַנגט צו יענעם סאָרט מענטשן, וועלכע פּאַסן זיך לייכט צו צו די מיינונגען פון די אַנדערע, צוליב לייטזעליקייט, ביכדי נישט צו קומען מיט עמעצן אין צוזאַמענשטויס. ער איז געווען אַ קלאָרער און אָריגינעלער דענקער, וועלכער האָט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי אויף אַ געניטן אופן צו פאַרטיידיקן זיין קוק און באַנעם און זיך דערמיט באַנוצט שטענדיק, ווען נאָר ס׳האָט זיך געמאַכט אַזאַ געלעגנהייט. דאָס איז ביי אים געווען אַ בפירושע זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט, וועלכע ער האָט אויך אָנערקענט פאַר יעדן אַנדערן, ווער ס׳איז נישט מסכים געווען מיט זיינע מיינונגען. און טאַקע די־אַ טאָלעראַנץ איז עס געווען, וועלכע איז געוואָרן זיין צווייטע נאַטור און צוגעצויגן צו אים יעדן איינעם, האָבן אפילו די חילוקי דעות געמעגט זיין נאָך אַזוי שטאַרק. וואָלטערס באַקאַנטע ווערטער זיינען געווען ווי צוגעפּאַסט ספּעציעל פאַר אים: „איך בין נישט מסכים מיט קיין איינעם פון דיינע ווערטער, אָבער איך וועל זיך מיט אַלע מיינע מיטלען אַרויסשטעלן דערפאַר, אַז דאָס רעכט אויף דיין אייגענער מיינונג זאָל דיר פון קיינעם נישט אָפּגעפּרעגט ווערן״.

טאַררידאַ האָט אויך אָנגעהאַלטן גוטע פאַרבינדונגען מיט אַלע לאַגערן פונעם פּאָליטישן ראַדיקאַליזם, וועלכע זיינען אַרויסגעגאַנגען ווייט מחוץ די ראַמען פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, און אויך אָנגעהאַלטן נאָענטע באַציונגען מיט אַ היפּשער צאָל אויפריכטיקע רעפּובליקאַנער פון זיין היימלאַנד, וועלכע האָבן מיט אַלע זייערע מיטלען געאַרבעט פאַר דער אומבאַדינגטער אָפּשאַפונג פון דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע. אָט־די פּילזייטיקע פאַרבינדונגען זיינען גאַנץ אָפט שטאַרק צונוצגעקומען סיי אים און סיי אונדזער באַוועגונג, באַזונדערס איז דאָס געווען דער פאַל אין דער צייט פון דער מאָנטכואיטש־אַפּערע און פון דער פּראָטעסט־באַוועגונג בעת פערערס פּראָצעס, און ביי אַ סך אַנדערע געלעגנהייטן.

איך האָב זיך באַקענט מיט טאַררידאַן נאָך אין יאָר 1896. ער איז דעמאָלט געווען אַ בערך 36־יעריקער מענטש, ד״ה, כימעט 12 יאָר עלטער פאַר מיר. אָבער צו נענטערע באַציונגען צווישן אונדז איז עס געקומען ערשט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער. מיין אינטערעס צו דער שפּאַנישער באַוועגונג איז געווען די הויפּט־סיבה, וועלכע האָט דערפירט צו דעם. איך האָב זיך מיט טאַררידאַן צונויפגעטראָפן איינִיקע מאָל ביי מאַלאַטעסטאַן אין הויז און אויך ביי אַנדערע געלעגנהייטן און איך פלעג ביי אים בעטן פאַרשידענע ידיעות, וועלכע האָבן מיסתמא אויפגעוועקט זיין אינטערעס צו מיר, ביז ער האָט מיך אין איינעם אַ טאָג פאַרבעטן צו זיך צו גאַסט. זינט דעמאָלט פלעגן מיר זיך אָפט זען און איך האָב אים אַ סך זאַכן צו פאַרדאַנקען, ביפרט דערפאַר, וואָס זיין גרייטקייט צו העלפן איז געווען אין לשער אין ער פלעגט זוכן צופרידנשטעלן אַלע מיינע פאַרלאַנגען אויף אַזאַ אופן, אַז ס׳פלעגט מיך אָפט שטעלן אין פאַרלעגנהייט, מחמת איך האָב געוווּסט, אַז ער איז געווען אַ שטאַרק־פאַרנומענער מענטש.

ווי אַ מענטש האָט טאָררידאַ געהאַט אַן אויסגעצייכנטן כאַראַקטער מיט אַן אומצעשטערבאַרן הומאָר און מיט אויסגעצייכנטער פעיקייט צו פירן שמועסן, אַן אייגנשאַפט, וועלכע איז געווען כימעט אומדערשעפּלעך. זיינע ברייטפאַרצווייגטע פאַרבינדונגען און גרויסע דערפאַרונגען האָבן עס געבראַכט מיט זיך, אַז ער איז וועגן אַ סך זאַכן געווען אַזוי גרינטלעך אינפאָרמירט, ווי דאָס קאָנען זיין נאָר באַ־האַוונטע פערזאָנען. ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז שפּאַניע שטייט ערב גרויסע פּאָליטיש־סאָציאַלע געשעענישן, וועלכע וועלן זיך נאָך אפשר אָפּשלעפּן אַ געוויסע צייט, אָבער זיי מוזן אומבאַדינגט קומען. דער ערשטער לכתחילהדיקער תנאי פאַר אַ נייער סאָציאַלער אַנטוויקלונג דאַרף זיין אַ ראַדיקאַלער פּאָליטישער איבערקער, אין וועלכן ס'זאָלן זיך באַטייליקן ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, ווייל אַזעלכע איבערקערן קאָנען קיינמאָל נישט פאָרקומען פון בלויז איין באַשטימ־טער ריכטונג. אָבער דער פאַקט, וואָס אין שפּאַניע איז פאַראַן אַ שטאַרקע באַוועגונג פון אַרבעטער און פּויערן, וועלכע איז פאַרהאַרטעוועט און געקרעפּטיקט געוואָרן דורך שווערע קאַמפן און זי שטיצט זיך אויף אַלטע פרייהייטלעכע טראַדי־ציעס, אַט־דער פאַקט וועט מוזן טרייבן אַ יונגע דעמאָקראַטיע ווייט איבער די גרענעצן פון ריין־פּאָליטישע פאָדערונגען און אַזוי אַרום שאַפן מעגלעכקייטן פאַר דער געשטאַלטיקונג פון נייע געזעלשאַפטלעכע לעבנספאָרמען, וואָס אַזעלכע זיינען אין אַזאַ גראַד נישט בנמצא אין קיין שום אַנדערן אייראָפּעישן לאַנד.

טאָררידאַ האָט זיך אין זייז באַנעם געשטיצט בעיקר אויף דעם, וואָס אין די מאָדערנע אייראָפּעישע גרויסע מלוכות האָבן די פּאָליטישע צענטראַליזאַציע און זייערע אימפּעריאַליסטישע שטרעבונגען באַקומען אַזאַ שטאַרקן איבערגעוויכט לגבי דרויסן, אַז אפילו די אַרבעטער־באַוועגונג פון רוב לענדער איז באַוווסט אָדער אומ־באַוווסטזיניק אַרונטערגעפאַלן אונטערן איינפלוס פון יענע מאַכטפּאָליטישע טענ־דענצן. שפּאַניע אָבער האָט פון לאַנג שוין פאַרלוירן איר פּאָזיציע ווי אַ פּאָליטישע און מיליטערישע גרויסמאַכט, און דאָס איז נישט געבליבן אָן אַ השפּעה אויפן פאָלקס געדאַנקענגאַנג. צו דעם האָט זיך נאָך דער פעדעראַליסטישער גייסט אַזוי טיף פאַר־וואָרצלט אינעם שפּאַנישן פאָלק, אַז ווען די גרעסטע שטרויכלונג, די קלעריקאַלע מאָנאַרכיע, וועט זיין באַזייטיקט, וועט די גאַנצע לאַגע פון זיך אַליין שטויסן אין אַזאַ ריכטונג, אַז מ'זאָל מוזן קאָנצענטרירן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף די סאָציאַלע פּראָבלעמען, ביפרט נאָך צוליב דעם, וואָס מיט דער לייזונג פונעם פּראָב־לעם פון דער ערד האָבן זיך פון זינט צענדליקער יאָרן שוין פאַרנומען די בעסטע קעפּ פונעם לאַנד. און אַט־דאָסדאָזיקע פּראָבלעם איז פון דער דאָרפישער באַפעל־קערונג תמיד באַטראַכט געוואָרן ווי אַ דרינגענדיקע באַדערפעניש.

אין קיין שום אַנדער לאַנד איז נישט פאַראַן אַזאַ ענגע פאַרבינדונג צווישן דער אינדוסטריעלער אַרבעטערשאַפט און די קליינע פּויערן און פעלדאַרבעטער ווי דווקא אין שפּאַניע, און דאָס האָט פאַר אַ סאָציאַלן איבערקער די גרעסטע וויכטיקייט. דאָס, וואָס ס'האָט דער שפּאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג ביז אַהער געפעלט, זיינען געווען מעגלעכקייטן פאַר קאָנסטרוקטיווע עקספּערימענטן, וועלכע פלעגן דורך די פּעריאָ־

דישע אויסברוכן פון דער רעאַקציע תמיד געשטערט ווערן און שטענדיק געצוווּנגען די אַרבעטערשאַפט צו קאָנצענטרירן אַלע אירע כוחות זיך צו באַשיצן קעגן די אונטערדריקונגס־כוונות פון די רעגירונגען. אָבער טאַררידאַ איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז די שפּאַנישע אַרבעטערשאַפט וועט אויך אויף דעם געביט זיין אימשטאַנד אויפצוהיטן איר פּאָזיציע, ווען די שפּאַנישע מאָנאַרכיע וועט זיין אָפּגעשאַפט און ס׳וועלן זיין מעגלעכקייטן פאַר פּראַקטישע עקספּערימענטן אין סאָציאַליסטישן גייסט.

וואָס שייך דעם אַנאַרכיזם האָט טאַררידאַ פאַרנומען אַן אייגנאַרטיקע פּאָזיציע. שפּאַניע איז, ווי באַקאַנט, געווען דאָס לאַנד, אין וועלכן די אידעאָלאָגיע פונעם קאָלעקטיוויסטישן אַנאַרכיזם פון באַקונינס צייט און פון דער צייט פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך צום לענגסטן אויפגעהאַלטן. די דאָקטרין וועגן קאָמוניסטישן אַנאַרכיזם איז אין שפּאַניע אַריינגעדרונגען און זיך פונאַנדערגעשפּרייט אַ היפּשע צייט שפּעטער ווי אין פראַנקרייך, איטאַליע און אין אַנדערע לענדער. טאַררידאַ האָט גענומען אַן אָנגעזעענעם אָנטייל אינעם אידעאָלאָגישן געראַנגל צווישן די קאָלעקטיוויסטן און קאָמוניסטן אין דער צווייטער העלפט פון די זעכציקער יאָרן און ער האָט אין יענער צייט אָנגעזאַמלט געוויסע דערפאַרונגען, וועלכע זיינען נישט אַריבער אָן אַן איינפלוס אויף זיין שפּעטערדיקער פּאָזיציע. ער האָט געהאַלטן, אַז טעאָריעס אַליין זיינען נישט גענוג, ביכדי צו קאָנען באַשטימען פון פאָרויס עקאָנאָמישע פאָרמען. אים האָט זיך גיכער אויסגעוויזן, אַז נאָכן צעפאַל פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט וועלן אויפקומען פאַרשידענע איבערגאַנגס־שטופן פונעם עקאָנאָמישן לעבן און דערביי וועלן זיך צום בעסטן קאָנען איינבירגערן יענע, וועלכע וועלן קאָנען אויסהאַלטן די פּראַקטישע דערפאַרונגען און וועלן זיין גענוג עלאַסטיש זיך צו קאָנען צופּאַסן צו נייע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן פונעם עקאָנאָמישן לעבן. מהאי טעמה האָט ער זיך באַטראַכט פאַר אַ סתם אַנאַרכיסט, אָן אַ באַזונדערן צוגאָב, און ער האָט זיין באַנעם באַגרינדעט אין אַ היפּשער צאָל וואַגיקע אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט כסדר באַטאָנט, אַז אַ רעלאַטיווע עקאָנאָמישע זיכערקייט איז נאָך לחלוטין נישט קיין גאַראַנטיע פאַר דעם מענטשנס פרייהייט און פאַר דער פרייהייט פון דער געזעלשאַפט. אין דעם פּרט אוז ער געווען שטאַרק נאָענט צו מאַקס נעטלאַוס צוגאַנג, מיט וועמען ער איז, אגב, געווען נאָענט באַפריינדעט אין משך פון אַ סך יאָרן.

טאַררידאַ האָט אויך נישט אַרויסגעוויזן קיין שום שפּור פון ענגהאַרציקן דאָקטרינאַריזם און נאָך וויניקער האָט ער געגלייבט אין אַ געזעצמעסיקער אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטלעכע געשעענישן. איך דערמאָן זיך נאָך היינט וועגן אַ דיסקוסיע אין אַ קלענערן קרייז, ביי וועלכער ס׳זיינען אויך ביי־געווען נעטלאַו און מאַלאַטעסטאַ. ביי יענער דיסקוסיע האָט טאַררידאַ אַ זאָג־געטון מיט אַ סימפּאַטיש שמייכעלע, וואָס איז ביי אים געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש: „אין דער היסטאָריע זיינען בלויז פאַראַן געלעגנהייטן, וועלכע מ׳האָט אויסגענוצט אָדער דורכגעלאָזט. וועגן אַן אויסגענוצטער געלעגנהייט האָט קיינער גאָרנישט וואָס צו זאָגן, מחמת זי באַקומט איר רעכטפאַרטיקונג אין זיך גופא. אָבער וועגן אַ דורכגעלאָזטער געלעגנהייט ווערן כסדר

אויפגעשטעלט ווילגעפעליקע טעאָריעס, וועלכע דאַרפן דינען ווי אַ פייגנבלאַט צו פאַרדעקן עמעצנס אומפעיקייט און ווילנסשוואַכקייט".

טאַררידאַ איז געווען אַן אייפעריקער מיטאַרבעטער פון אַלע וויכטיקע פריי־הייטלעך־־סאָציאַליסטישע בלעטער און צייטשריפטן אין שפּאַניע און ער האָט אויך אָפּט געשריבן קאָרעספּאָנדענצן פאַר דער רעפּובליקאַנישער פּרעסע אין זיין היימלאַנד. צוזאמען מיט אַנסעלמאָ לאָרענסאָ איז ער געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם אויסגעצייכנטן זשורנאַל „אַקראַסיאַ" (88—1886) אין באַרסעלאָנאַ, און לאָרענסאָ, וועלכער האָט פון אים שטאַרק געהאַלטן און אים זייער הויך געשאַצט אויך ווי אַ פריינט און חבר, האָט אים געווידמעט דעם ערשטן באַנד פון זיין ווערק „על פּראָלעטאַריאַדאָ מיליטאַנטע". ביי אַ געוויסער געלעגנהייט האָט מיר טאַררידאַ געשענקט די פולשטענדיקע זאַמלונג פון דעם הייִנט אַזוי זעלטענעם זשורנאַל. ער איז אויך געווען דער ערשטער, וועלכער האָט גערופן מיין אויפמערקזאַמקייט אויף די ווערק פון פערנאַנדאָ גאַררידאַ, כאָאַקין קאָסטאַ און אַזויפיל אַנדערע, וועלכע זיינען אַן אמתער קוואַל און אוצר מיט ווערטפולע מאַטעריאַלן פאַר שפּאַניעס סאָציאַלער געשיכטע, מאַטעריאַלן, וועלכע האָבן אויף מיר שטאַרק געווירקט און באַרייכערט מיין וויסן.

טאַררידאַ האָט אין זיין היימלאַנד דורכגעמאַכט גענוג רדיפות און אפילו זיך פּערזענלעך באַקענט מיט די קאַזעמאַטן פון מאָנטכואיטש ווי אַן אַרעסטירטער. ער האָט אין משך פון זיין לאַנגן אויפהאַלט אין אויסלאַנד געבראַכט אומאָפּשאַצבאַרן נוץ דער שפּאַנישער באַוועגונג, וואָס קיינער וואָלט עס מיסתמא נישט געווען געקאָנט באַווייזן ווי ער. ער איז נישט בלויז געווען אַ גוטער שריפטשטעלער, נייערט אויך אַ זייער גייסטרייכער און טעמפּעראַמענטפולער רעדנער, וועלכער האָט געוווסט, ווי אַזוי פלינק און ווירקונגספול צו פאַרטיידיקן זיין קוק אויף זאַכן. ער האָט אויסגעצייכנט באַהערשט די ענגלישע שפּראַך, אָבער ווי נאָר ער האָט געעפנט דאָס מויל, האָט מען תיכף דערקאָנט אין אים דעם שפּאַניער. צוליב זיין ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט האָט ער בעתן רעדן קיינמאָל נישט געקאָנט איינשטיין אויף איין פלאַץ; ער האָט ליב געהאַט ארומצושפּאַצירן אַהין און אַהער אויף דער בינע, און אויף די קאַלטבלוטיקע ענגלענדער האָט דאָס געמאַכט אַ מערקווירדיקן איינדרוק. ווען מיר זיינען זיך איינמאָל צונויפגעקומען צו אַ קורצער זיצונג, ביכדי אָנצונעמען די נייטיקע צוגרייטונגס־מיטלען פאַר אַ גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג, און אַ חבר האָט פאַרגעלייגט אַ באַשטימטן זאַל, האָט דזשאָן טוירנער מיט זיין טרוקענעם ענגלישן הומאָר זיך אויסגעדריקט, אז דער זאַל איז טאַקע גוט, אָבער די טריבונע איז צו קליין פאַר טאַררידאַן.

אָבער ווי גרויס ס'זאָלן נישט האָבן געווען טאַררידאַס גייסטיקע מעלות און מידות, האָבן אָבער זיינע רייך־מענטשלעכע זייטן איבערגעוויגן אַלעס אַנדערע אין אים. זיין טיפע פאַרשטענדעניש פאַר יעדער אַנדערער מיינונג, די אינערלעכע גוט־האַרציקייט פון זיין גאַנצן כאַראַקטער, זיין שטענדיקע הילפסגרייטקייט און די אייגערלעכע וואַרעמקייט, וועלכע האָט פון אים אַרויסגעשטראַלט, האָבן קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו האָבן אַ ווירקונג. ער האָט אויפגעלעבט יעדן קרייז, אין וועלכן ער

פלעגט קומען, און זיין נאַטירלעכע פריילעכקייט האָט פאַרשטויסן יעדע שלעכטע שטימונג. מ׳האָט זיך אפילו נישט ווילנדיק געפילט צוגעצויגן צו אים און מ׳האָט אויף אים קיינמאָל נישט געקאָנט זיין ברוגז, ווייל זיין טיף איינגעקריצט מיטגעפיל האָט אָפּגעווישט יעדע גרענעץ צווישן מענטש און מענטש. מאַלאַטעסטאַ האָט פּאַקטיש אויסגעדריקט אונדזער אלעמענס געפיל, ווען ער האָט אינעם נעקראָלאָג אין „פרידאָם" געשריבן אָט־די ווערטער:

„איך פערזענלעך האָב כימעט קיינמאָל נישט געהאַט דיזעלביקע מיינונג, וואָס ער, און פונדעסטוועגן זיינען מיר תמיד געבליבן די בעסטע פריינט. מ׳האָט זיך געמעגט קריגן מיט אים, אָבער ס׳האָט נישט געקאָנט פּאַסירן, אַז מ׳זאָל אים נישט ליב האָבן, ווייל פריער פון אַלץ איז ער געווען אַ לייטזעליקער מענטש, וועלכער האָט זיך פאַרדינט, אַז מ׳זאָל אים ליב האָבן. און דערמיט, וואָס איך זאָג דאָס, וואָס איך זאָג, מיין איך, אַז איך גיב אים אָפּ דעם העכסטן כבוד, וועלכן מ׳קאָן אָפּגעבן אַ מענטשן".

טאַרידאַ האָט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אָפּט געליטן פון קראַנקייטן, אָבער זיין לייטזעליקער כאַראַקטער איז שטענדיק געבליבן דערזעלביקער. ער איז געשטאָרבן אין מערץ 1915 אין עלטער פון 54 יאָר און געלאָזט אין טיפן טרויער אַלע, וועלכע זיינען געשטאַנען נאָענט צו אים און אים געקענט. איך בין שוין געווען אַ קריגס־אינטערנירטער, ווען ס׳איז צו מיר אָנגעקומען די ידיעה וועגן זיין פריען טויט, וועלכע מאַלאַטעסטאַ האָט מיר איבערגעשיקט. דאָס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ, וואָרן איך האָב געפילט, אַז איך האָב פאַרלוירן אַ פריינט און די באַוועגונג — אַ מענטשן, אויף וועמעס פּלאַץ מ׳קאָן נישט געפינען אַן אַנדערן פון זיין מין אים צו פאַרבייטן.

צו די שפּאַנישע חברים, מיט וועלכע איך האָב זיך באַקענט אין לאָנדאָן, האָט אויך באַלאַנגט פּעדראָ וואַללינאַ, דעמאָלט נאָך אַ יונגער מענטש, אָבער היינט שוין צווישן די וועטעראַנען פון דער שפּאַנישער באַוועגונג. ער איז אין יאָר 1905 אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פראַנקרייך און איז געקומען קיין לאָנדאָן, ווו ער איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט לערנען מעדיצין, וועלכע איז געהאַט איבערגעריסן געוואָרן. וואַללינאַס נאָמען איז דעמאָלט שטאַרק דערמאָנט געוואָרן אין די צייטונגען צוליב דעם גרויסן פּראָצעס, וועלכן די פראַנצויזישע אויטאָריטעטן האָבן פאַרפירט קעגן אים, מאַלאַטאָן, האַרווען און קאַוסאַנעלן. מען האָט די פיר אָנגעקלאָגטע באַשולדיקט אין האָבן צוגעגרייט אַן אַטענטאַט אויפן לעבן פון אַלפאָנסאָ דעם דרייצנטן, בעת זיין קומענדיקן באַזוך אין פראַנקרייך. אָבער דער פּראָצעס האָט אויפגעדעקט און אַרויסגעבראַכט אין דער עפנטלעכקייט אַזוי פיל טונקעלע מאַכינאַציעס פון דער פראַנצויזישער און שפּאַנישער פּאָליציי, אַז מ׳האָט די אָנגעקלאָגטע געמוזט באַפרייען, מחמת די עפנטלעכע מיינונג אין פראַנקרייך איז זינט דער מאָנטזואיטש־אַפערע נישט געווען גוט געשטימט צום רעזשים פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. וואַללינאַ האָט געהאַט נאָענטע באַציונגען מיטן גרויסן שפּאַנישן רעוואָלוציאָנער פערמין סאַלוואָטשעאַ, איינער פון די ראָמאַנטישסטע פיגורן פונעם אַנאַרכיזם אין שפּאַניע, וועמען דער באַקאַנטער

שריפטשטעלער בלאַסקאָ איבאַניעס האָט אין זיין בוך „לאַ באָדעגאַ" אַוועקגעשטעלט אַ דענקמאָל. וואַללינאַ איז היינט דער איינציקער לעבנגעבליבענער פון מיינע אַלטע פריינט אין לאָנדאָן. נאָך דער מפּלה אינעם שפּאַנישן בירגערקריג איז ער, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע, געווען באַנייס געצוווּנגען אַוועקצוגיין אין גלות. ער וווינט צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע שוין פון זינט אייניקע יאָר אין מעקסיקע, וווּ ער איז באַשעפטיקט ווי אַ מעדיקער צווישן דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג און איז נאָך אַלץ אַקטיוו פאַר דער באַוועגונג.

פון זינט מיין ערשטער פאַרבינדונג מיט די שפּאַנישע חברים מיט פופציק יאָר צוריק, זיינען מיינע באַציונגען מיט דער שפּאַנישער באַוועגונג קיינמאָל נישט איבער־געריסן געוואָרן. איך האָב איר תמיד אָפּגעגעבן די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט, מחמת איך בין פעסט איבערצייגט, אַז אויך אין דער צוקונפט איז פאַר איר צוגעגרייט צו שפּילן אַ גרויסע ראָל. דאָס, וואָס איך האָב מיט מיין אַקטואַציע געקאָנט האָבן גע־בראַכט וועלכן ס'איז נוצן פאַר מיינע שפּאַנישע פריינט און חברים לדעה, דאָס איז פאַר מיר אַ גרויסע סאַטיספאַקציע, פאַר וועלכער איך בין דעם גורל שטאַרק דאַנקבאַר.

# דער אונטערשייד צווישן דער יידישער און אַנדערע עמיגראַציע־באַוועגונגען

זינט די דרייסיקער יאָרן פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט זיינען אין לאָנדאָן תמיד געווען רעוואָלוציאָנערע גרופּעס פון די פאַרשידנסטע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע האָבן אין זייער ענגערן קרייז אָפּט אַנגעפירט אַ לעבעדיקע טעטיקייט, אָבער כּמעט אויסשליסלעך מיט דער כּוונה צו העלפן דער באַוועגונג אין זייערע היימלענדער און זיי האָבן געהאַט אַ גאָר שוואַכן קאָנטאַקט מיטן ענגלישן לעבן. אין צייטן פון גרויסע רדיפות אין די פאַרשידענע אייראָפּעיִשע לענדער, ווען אַ סך פּליטים זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן קיין ענגלאַנד, זיינען אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס דערגאַנגען צו אַ לענגער־אָדער קירצערדויערנדיקן אויפבלי, וועלכער פלעגט אָבער בדרך כּלל אָנהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז דער צושטאַנד אין די באַטרעפנדיקע לענדער האָט זיך געבעסערט און די צאָל גערודפטע, וועלכע האָבן גענאָסן פונעם ענגלישן אַזילרעכט, איז אַנזעעוודיק קלענער געוואָרן. יעדעס מאָל, ווען ס'איז אין דעם אָדער יענעם לאַנד פאָרגעקומען אַזאַ ענדערונג, איז תּיכף געווען צו מערקן אַ ירידה צווישן די באַטרעפנדיקע גרופּן אין לאָנדאָן. די פאַרזאַמלונגען פלעגן ווייניקער באַזוכט ווערן אויך געהאַט ווייניקער וואַריאַציע, ביז דער אינטערעס איז ווידער אויפגעוועקט געוואָרן דורך אַנדערע געשעענישן און דורך ניי־אָנגעקומענע פּליטים. דאָס איז דער גורל פון אַלע עמיגראַציע־באַוועגונגען, וועמעס אַנטוויקלונג איז אָפּהענגיק פון פאַרשידנאַרטיקע פאַסירונגען.

ווען איך בין אין יאָר 1895 אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, האָט דאָרט עקזיסטירט אַ היפּשע צאָל אַנאַרכיסטישע גרופּעס פון די פאַרשידנסטע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע האָבן אָנגעפירט אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט, געקרעפטיקט דורך דער רעאַקציע אין די פאַרשידענע אייראָפּעיִשע לענדער. פון אַט־די אַלע גרופּעס איז אין צען יאָר אַרום געבליבן גאַנץ ווייניק. די גרופּירונגען פון די האָלענדער, סקאַנדינאַווער, פראַנצויזן, שפּאַניער און דרומדיקע סלאַוון זיינען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן. דער רוב פון די פראַנצויזישע חברים, וועלכע האָבן געזוכט אין ענגלאַנד אַ מקום־מיקלט נאָכן אַרויסגעבן די באַרימטע „לואָס סעלעראַטע" (1893—94), האָבן זיך שוין געהאַט אומגעקערט קיין פראַנקרייך, ווען ס'איז דאָרט ווידער מעגלעך געוואָרן אַן עפנטלעכע אַקטיוויטעט. אויך דער גרויסער רוב פון די שפּאַנישע חבר ם, וועלכע די מאָנטזשויִטש־אָפּערע האָט פאַרשטויסן קיין ענגלאַנד, האָבן זיך תּיכף נאָכן פאַלן פון מאוראַס רעגירונג צוריק אומגעקערט אַ היים. אפילו די גרופּע פון די טשעכן, וועלכע האָט

עקזיסטירט אַ סך יאָרן און פון 1884 ביז 1885 פּעריאָדיש און אומרעגלמעסיק אַרויסגעגעבן אַ בלאַט, „פֿאַמסטאַ", וועלכעס איז געווען באַשטימט אויסשליסלעך פֿאַרן געהיימען אַריינפיר קיין בעמען, האָט שוין מער נישט עקזיסטירט, מחמת, דער רוב פון אירע אַלטע מיטגלידער איז אָדער אָפּגעפֿאָרן קיין אַמעריקע אָדער אויסגעשטאָרבן.

אין דער צייט, ווען די יידישע באַוועגונג איז דערגאַנגען צו איר העכסטן אויפבלי (14—1903), האָבן פון די אַמאָליקע אַנאַרכיסטישע גרופּעס אין דער לאָנדאָנער מערב־זייט נאָך עקזיסטירט בלויז די גרופּע פון די איטאַליענער, וועלכע האָט זיך גרופּירט אַרום מאַלאַטעסטאַן, און דער אַלטער „קאָמוניסטישער אַרבייטער־בילדונגס פֿאַריין", פון די דייטשן. דער רעשט פון די אויסלענדישע גרופּירונגען, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט, אַזעלכע ווי די גרופּירונגען פון די לעטן, רוסן אד"גל, איז געווען ניי־אויפגעקומענע, געשאַפענע מיט יאָרן שפּעטער. דאָס וואָס דער „ק. א. ב. פ.", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין דער ערשטער העלפט פון די פערציקער יאָרן דורך דייטשע פּליטים, מיטגלידער פונעם געהיימען „קאָמוניסטישן בונד", האָט זיך געקאָנט אויפהאַלטן אומאיבערגעריסן ביז צום אויסברוך פונעם ערשטן וועלטקריג, איז געווען צו דערקלערן בעיקר מיט די קלאָגעדיקע פּאָליטישע צושטאַנדן אין דייטשלאַנד. די דאָרטיקע פּעריאָדישע רדיפות פלעגן תמיד ברענגען נייע פּאָליטישע פּליטים קיין ענגלאַנד, צווישן זיי צומאָלס מענטשן מיט גרויסע פעיקייטן און זעל־טענעם ווילנסקראַפט, אַזעלכע ווי ווייטלינג, מאַרקס, ענגעלס, ליבקנעכט, שאַפּפּער, ווילליך, מאָסט און פיל אַנדערע, אַזוי אַז ס'האָבן קיינמאָל נישט געפעלט קיין כוחות אויפצוהאַלטן די באַוועגונג אין לעבעדיקן צושטאַנד.

נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 49—1948 האָבן געשטראָמט גאַנצע מחנות דייטשע פּליטים קיין לאָנדאָן און זיי האָבן דאָרט אויפגעהויבן אַ לעבעדיקע פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע איז אַפילו נישט שוואַכער געוואָרן דורך די אומאויפהערלעכע אינערלעכע מחלוקת און ערשט ביים סוף פון די פופציקער יאָרן אָנגעהויבן באַדייטנ־דיק שוואַכער ווערן. נאָכדעם זיינען געקומען די צוועלף יאָר פונעם „סאָציאַליסטן־געזעץ" אין דייטשלאַנד און די אויסנאַמגעזעצן אין עסטרייך, דורך וועלכע ס'זיינען פֿאַרשליידערט געוואָרן קיין ענגלאַנד אַנדרעאַס שוי, מאָסט און שפּעטער טרונק, נעווע, רינקע, פּויקערט און אַזוי פיל אַנדערע. אויך אָט־דער פּעריאָד איז געווען רייך מיט שווערע אינערלעכע קאַמפן אין דער דייטשער באַוועגונג, וועגן וועלכע ס'איז שוין פריער גערעדט געוואָרן, וועלכע האָבן לסוף דערפירט צו אַ פולשטענדיקער דער־שעפונג און אַ לאַנגער ירידה.

ערשט די גרויסע רדיפות אויף אַנאַרכיסטן אין די אייראָפּעישע לענדער אין דער ערשטער העלפט פון די ניינציקער יאָרן און די שווערע קאַמפן פון די יונגע אין דייטשלאַנד, פון וועמעס באַוועגונג ס'האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט די נייע אַנאַרכיסטישע באַוועגונג אין דייטשלאַנד, האָבן באַנייס געבראַכט קיין לאָנדאָן אַ שטאַרקן צופלוס פון דרויסן און אַ נייעם אויפלעב. וועלכער האָט אָבער אָנגעהאַלטן בלויז פינף אָדער זעקס יאָר און דערנאָך ווידער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, ווי דאָס איז שוין אויך פריער אָפטמאָל געווען דער פאַל. אין דער געשיכטע פון אַזאַ לאַנג

לעבנדיקער אָרגאַניזאַציע ווי דער אַלטער „ק.א.ב.פ." קאָן מען צום בעסטן אָבסערווירן די כסדרדיקע וואַקלענישן, עליות און ירידות, צו וועלכע די עמיגראַציע־באַוועגונגען זײַנען תמיד אומפאַרמײַדלעך אויסגעשטעלט.

אין דער צײַט פון 1906 ביז צום אויסבּרוך פונעם ערשטן וועלט־קריג האָט דער פאַריין באַנײַס דורכגעמאַכט אַ קורצן און טאַקע דעם לעצטן אויפבלי, ביכדי נאָכדעם, נאָך אַן עקזיסטענץ פון איבער 70 יאָר, פולשטענדיק צו פאַרשווינדן פון דער אויבערפלאַך. דעם אוממיטלבאַרן מאָטיוו צו אָט־דעם לעצטן אויפבלי האָט געגעבן אַ שטאַרקע אָפּאָזיטאָרישע באַוועגונג אין דער צווייטער סעקציע פונעם „ק.אַ.ב.פּ." די דאָזיקע סעקציע, וועלכע האָט אויפגעהיט דעם נאָמען פונעם אַלטן פאַריין, האָט זיך געהאַט אָפּגעריסן פון דער אַלטער אָרגאַניזאַציע אין יאָר 1880, נאָכדעם ווי די גרויסע מערהייט פון די מיטגלידער האָט זיך גענומען אָריענטירן לויט יאַהאַן מאָסטס אידעאָלאָגיע, און איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן דער צענטער פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער באַוועגונג צווישן די דײַטשן אין לאָנדאָן. דער רוב אָנהענגער פון יענער נײַער אָפּאָזיציע איז געווען יונגעלײַט, וועלכע זײַנען געקומען קיין לאָנדאָן פון פּאַריז, און אין פראַנקרײַך האָבן זיי זיך געהאַט באַקענט מיט די אידעען פונעם רעוואָלוציאָנערן סינדיקאַליזם. טאַקע אין זין פון אָט־די אידעען האָבן זיי אַקטואירט אין דער צווייטער סעקציע פונעם „ק.אַ.ב.פ.", צום גרויסן פאַרדרוס פון די עלטערע מיטגלידער, וועלכע זײַנען געווען אַלטע סאָציאַלדעמאָקראַטן און נאַטירלעך נישט געהאַט קיין גרויסע סימפּאַטיע צו אָט־דער פּראָפּאַגאַנדע. איז דעריבער ביי די פאַרזאַמלונגען פונעם פאַריין געקומען צו היציקע וויכוחים, און אַזוי ווי ס'איז געווען מערקבאַר, אַז די אָפּאָזיציע האָט אָנגעהויבן געווונען מער באָדן און איינפלוס, האָבן די אַלטע מיטגלידער ענדלעך באַשלאָסן צו דערלאַנגען אַ שטאַרקן קלאַפּ און זיי האָבן באַזײַטיקט פונעם פאַריין דריי און צוואַנציק אָנהענגער פון דער רעוואָלוציאָנערער ריכטונג. זײַנען די אויסגעשלאָסענע אַרײַנגעטראָטן אין דער ערשטער סעקציע פונעם „ק.אַ.ב.פּ." אַזוי ווי די מערסטע פון זיי זײַנען געווען יונגע אינטעליגענטע מענטשן, וועלכע זײַנען שוין געווען אויפן בעסטן וועג צום פרייהייטלעכן סאָציאַליזם, זײַנען דעמאָלט אונדזערע וועכנטלעכע צונויפטרעפן, ביי וועלכע איך האָב זיך תמיד באַטייליקט, אינגוויוויט מײַן צײַט האָט עס מיר דערמעגלעכט, געווען שטאַרק לעבהאַפטיקע, ווי דאָס איז שוין לאַנג פאַר דעם אַזוי נישט געווען.

אָט־דער נײַער אויפלעב פונעם אַלטן פאַריין איז נאָך באַגײַסטערט געוואָרן דורך דעם, וואָס נאָך פאַר יענע געשעענישן אין דער צווייטער סעקציע זײַנען אָנגעקומען קיין לאָנדאָן אייניקע באַקאַנטע חברים, וועלכע האָבן דורך זייער אַקטיוויטעט אַרײַנגעבראַכט נײַ לעבן אין דער דײַטשער באַוועגונג. דער ערשטער איז געווען רודאָלף גראָסמאַן (פּיער ראַמוס), וועלכער איז אין דער צײַט פונעם באַקאַנטן שטרײַק פון די וועבער אין פּעטערסאָן, פאַראייניקטע שטאַטן, דאָרט פאַרמישפּט געוואָרן צו פינף יאָר תפיסה צוזאַמען מיט וויליאַם מאַקווין צוליב אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר די שטרײַקער אויף זייער אַ פאַרזאַמלונג. ער האָט אָבער באַוויזן צו אַנטלויפן

און זיך אַרויסדרייען פון אָפּקומען די שטראָף. גראָסמאַן איז במשך פון אַ געוויסער צייט געווען שטאַרק אַקטיוו אין נעם „ק.אַ.ב.פ." ער האָט זיך אָבער באַלד שטאַרק צעקריגט מיט די אַלטע מיטגלידער, און דאָס האָט אים באַוויגן צו פאַרלאָזן דעם פאַריין און צו שאַפן אַן אייגענע גרופּע, וועלכע איז אָבער נישט דערגאַנגען צו קיין גרויסער אָנזעעוודיקייט און איז לסוף פאַרשוואונדן, נאָכדעם ווי גראָסמאַן איז אָפּגעפאָרן קיין ווין.

אַ געוויסע צייט נאָך אים זיינען געקומען קיין לאָנדאָן אַלבערט ווייזהייט און זיגפריד נאַכט. ווייזהייט איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן אין דער יונגער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד. ער האָט זיך אָבער דאָרט נישט געקאָנט אויפהאַלטן צוליב שטענדיקע פאַרפאָלגונגען פון דער פּאָליציי. אַ זייער גוטע קראַפט פאַר דער דייטשער באַוועגונג אין לאָנדאָן איז געווען זיגפריד נאַכט, אַ ווינער. נאַכט איז דעמאָלט געווען אַ יונגער 26־יעריקער בחור מיט היפּשע פעיקייטן און שפּראַכקענטענישן, וועלכע האָבן אים דערמעגלעכט צו זיין אינפאָר־מירט וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג אין פאַרשידענע לענדער. ער איז נאָך אין יאָר 1902 געהאַט געקומען קיין לאָנדאָן, אָבער בלויז אויף אַ קורצער צייט, און איז צוריקגעפאָרן קיין פּאַריז. ערשט ווען ער איז אין יאָר 1906 אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פראַנקרייך, איז ער ווידער געקומען קיין ענגלאַנד, ווו ער איז דאָס מאָל געבליבן פיר יאָר צייט און איז געווען טעטיק אין פאַרשידענע שפּראַכלעכע גרופּן פון דער באַוועגונג.

זיגפריד נאַכט איז געווען אַן עלעקטראָטעכניקער פון פאַך און איז נאָך אַלס יונגער סטודענט אַריין אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער באַוועגונג אין ווין. אין יאָר 1900 איז ער געפאָרן ווי אַ דעלעגאַט פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס קיין פּאַריז, און אַזוי ווי ס'האָט זיך אים דאָרט פונקט אונטערגערוקט אַ פּלאַץ צו אַרבעטן, האָט ער זיך דאָרט באַזעצט און זיך דאָרט באַקענט מיט דער אַנאַרכיסטישער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג און ס'איז אַזוי אַרום פאָרגעקומען אַ פולשטענדיקע ענדערונג אין זיין פריערדיקן קוק אויף די סאָציאַלע פּראָבלעמען.

ווען נאַכט איז דאָס מאָל ווידער געקומען קיין לאָנדאָן איז ער אומגערנוויליק שטאַרק באַרימט געוואָרן, אַ באַרימטקייט, וואָס האָט זיין נאָמען באַקאַנט געמאַכט אין דער פּרעסע פון דער גאַנצער וועלט. זומער פון יאָר 1902 האָט ער באַקומען אַ זייער גוטע שטעלע ווי אַ שעף־עלעקטריקער אין סען גאַלאָ, וועלכע האָט אים אָבער געגעבן באַשעפטיקונג בלויז פאַר דריי אָדער פיר חדשים אין יאָר, אַזוי אַז ער האָט אינצווישנצייט געקאָנט מאַכן לענגערע רייזעס. אָנגערעגט פון דער גרויסער באַ־וועגונג פונעם גענעראַלשטרייק אין יאָר 1902 אין באַרסעלאָנאַ, האָט ער באַשלאָסן אין קומענדיקן יאָר צו מאַכן אַ צופוסיקן שפּאַציר איבער גאַנץ שפּאַניע, ביכדי זיך דאָרט פּערזענלעך צו באַקאַנען מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט צופוס פון טולוז איבער די פּירענייענבערג און דורך דער קליי־נער רעפּובליק אַנדאָראַ ביז קיין באַרסעלאָנאַ. דאָרט איז ער פאַרבליבן אַ געוויסע

צייט, איז זייער גוט באַקאַנט געוואָרן מיט די שפּאַנישע חברים און פון דאָרט זיך אַוועקגעלאָזט, אַלץ צופוס, אין אַ זיגזאַג־מאַרש, קיין וואַלענסיאַ, סאַראַגאָסאַ, מאַדריד, אַליקאַנטע, גראַנאַדאַ, סעווילִיאַ, מאַלאַגאַ, קאָרדאָבאַ, כערעס, ביז קיין קאַדיס, ווו ער האָט זיך באַקאַנט מיט פערמין סאַלוואָטשעאַ.

ווען ער איז לסוף, אין מאַי 1903, אָנגעקומען קיין גיבראַלטאַר, האָט מען אים פּלוצים, אומגעריכט, אַרעסטירט און אַריינגעוואָרפן אין תפיסה, אים נישט אָנגעבנדיק קיין שום מאָטיוון. צו זיין גרויסער איבעררעשונג איז ער ענדלעך געוויר געוואָרן, אַז מ׳באַשולדיקט אים אין דער כוונה צו דערמאָרדן עדוואַרד דעם זיבעטן, וועלכער איז דעמאָלט געקומען אויף אַ באַזוך קיין גיבראַלטאַר. דערדאָזיקער פאַל האָט דעמאָלט אַרויסגערופן אַן אינטערנאַציאָנאַלע סענסאַציע און איז קאָמענטירט געוואָרן פון אַלע צייטונגען און ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין בייסיקע איראָנישע באַמערקונגען אויפן שמעק־חוש פון דער ענגלישער פּאָליציי. אין פראַנקרייך האָט זיך תיכף אָנגעהויבן אַ פּראָטעסט־באַוועגונג און אויך אין ענגלאַנד איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט, צו וועלכן ס׳האָבן באַלאַנגט, צווישן אַנדערע, אויך קראָפּאָטקין, הערבערט ספענסער, טשאַרל דילקע און די גרעפן קאַרליסלע, וועלכע האָט זיך ענערגיש אָנגענומען פאַר נאַכטן. דער סוף פונעם ליד איז געווען, אַז מ׳האָט דעם מכלומרשטן קעניגסמערדער נאָך זעקס וואָכן תפיסה געמוזט באַפרייען, ווייל די פּאָליציי האָט, נישט געקוקט אויף אַלע אירע באַמיונגען, נישט געקאָנט געפינען אפילו דעם מינדסטן באַווייז פאַר איר גראָטעסקער באַשולדיקונג. דער פּאָליציי־שעף פון גיבראַלטאַר האָט אָבער, פונדעסטוועגן, באַקומען זיין מעדאַל, און אַ סברא, אַז דאָס איז טאַקע געווען די כוונה פונעם גאַנצן שפּיל.

אַזוי אַרום האָט דער בראַווער בחור לסוף גענקאָנט באַנייען זיין איבערגעריסענע רייזע. ער איז פון גיבראַלטאַר אַוועק קיין מאַראָקאָ און האָט געוואַנדערט צופוס פון טאַנזשער איבער אָראַן, אַלזשיר, קאָנסטאַנטינע, ביסערטאַ, ביז קיין טוניס און פון דאָרט האָט ער זיך אומגעקערט מיט אַ שיף קיין פראַנקרייך. נאַכט האָט שפּעטער זייער לעבעדיק געשילדערט יענע פאַנטאַסטישע רייזע מיט שטרוי־כלונגען און די פּרטים האָבן אויף אונדז שטאַרק געווירקט און ספּעציעל פאַרשאַפט אַ סך הנאה אונדזער אַלעמענס פריינט מאַקס נעטלאַו. שפּעטערדיקע וואַנדערונגען האָבן אים געפירט דורך דער שווייץ און צפון־איטאַליע. ער איז אָבער אין מאַילאַנד (מילאַן) אַרעסטירט געוואָרן. אַ געשלאָסענעם אין קייטן האָבן אים דריי „קאַראַביניערי״ צוגעשטעלט צו דער שווייצאַרישער גרענעץ.

נאַכט איז צו יענער צייט געווען אַ מיטאַרבעטער פון אַ היפּשער צאָל אַנאַרכיסטישע אויסגאַבעס. אין יאָר 1903 האָט ער צוזאַמען מיט פעדראָ וואַלינאַ אַרויסגעגעבן אין פּאַריז די צייטונג „ל׳עספּיין אינקיסיטאָריאַל״. אין יאָר 1905 האָט ער אין ברוק במשך פון ניין חדשים אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל, „דער גענעראַלשטרייק״, וועלכער איז געווען באַשטימט פאַר די דייטשע מינענאַרבעטער אין בעמען. אין זעלביקן יאָר האָט ער צוזאַמען מיט זיין ברודער מאַקס אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין ציריך דעם חודשניק „דער וועקרוף״. ער איז אָבער שפּעטער אַרויסגעשיקט געוואָרן

פון דער שווייץ און איז נאָך אַ געוויסער אַרומשלעפּעניש און תּפיסות ווידער אָנגע־קומען קיין פּאַריז. דאָרטן איז ער קורץ פאַרן 1טן מאַי 1906 צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע אויסלענדער אַרעסטירט און אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פראַנקרייך. איז ער ווידער אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, וווּ ער איז די גאַנצע צייט געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג און דאָרט אָנגעפירט מיט דער רעדאַקציע פונעם חודשניק „דירעקטע אַקציאָן", אַ ביילאַגע צום „פרייען אַרבייטער" אין בערלין. אין 1910 איז ער אָפּגע־פאָרן קיין איטאַליע, וווּ ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אונטער אַן אַנדערן נאָמען, מחמת אונטער זיין אייגענעם נאָמען איז ער פון דאָרט געווען אַן אַרויסגעשיקטער. דורך דער פאַרמיטלונג פון אַליוויאַ ראָסעטטי־אַגרעסטי האָט ער באַקומען אַ שטעלע אינעם אינטערנאַציאָנאַלן עקאָנאָמישן אינסטיטוט אין רוים. דאָרט האָט ער געאַר־בעט ביז 1912, ווען ער איז דורך אַ מאָדנער פּאַסירונג, וועגן וועמעס נאָכשפּיל אין לאָנדאָן עס וועט נאָך גערעדט ווערן שפּעטער, פונדאָסניי פאַרטריבן געוואָרן פון איטאַליע. איז ער אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, וווּ ער לעבט נאָך היינט און וווּ ער האָט געטאָן גוטע אַרבעט פאַר דער פרייהייטלעכער באַוועגונג.

זיגפריד נאַכט איז אויך דער מחבר פון אַ היפּשער צאָל באַקאַנטע פּראָפּאַגאַנדע־ביכעלעך, דער רוב פון וועלכע איז געחתמעט מיטן פּסעוודאָנים אַרנאָלד ראָללער. זיין ביכעלע „דער סאָציאַלער גענעראַלשטרייק", וועלכעס איז לכתחילה אַרויס אין לאָנדאָן אין יאָר 1902, איז איבערגעזעצט געוואָרן אין 17 לשונות און באַלאַנגט צו די צום מייסט פאַרשפּרייטע שאַפונגען פון דער פרייהייטלעכער פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַ־טור פון יענע יאָרן. אין 1903 האָט ער אָנגעשריבן די בראָשורקע „דירעקטע אַקציאָן", וועלכע איז אין זעלביקן יאָר אַרויסגעגעבן געוואָרן פון יאָהאַן מאָסט אין ניו־יאָרק. אין 1907 איז אַרויס אין בערלין זיין ביכל „בלעטער אויס דער געשיכטע דעס שפּאַ־נישן פּראָלעטאַריאַטס", אַן אויסגעצייכנטע צימצומדיקע היסטאָרישע שילדערונג פון דער פרייהייטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג אין שפּאַניע, דורך וועלכער דייטשע ליי־ענער, וועלכע האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין אַנדערע שפּראַך, זיינען צום ערשטן מאָל באַקאַנט געוואָרן מיט דער געשיכטע פון דער קרבנותפולער באַוועגונג. נאַכט האָט אויך אָנגעשריבן אין לאָנדאָן אַן אַנטימיליטאַריסטישע בראָשור אונטערן טיטל: „סאָל־דאַטען־ברעוויר", וועלכע איז אין דייטשלאַנד פאַרשפּרייט געוואָרן בסוד. זי איז גע־דרוקט געוואָרן מיט אַ שער־בלעטל אין שוואַרץ־ווייס־רויטן קאָליר און געצייכנט מיטן דייטשן אימפּעריאַלן אָדלער, כדי ס'זאָל זי זיין לייכטער צו פאַרשפּרייטן.

אין אַמעריקע האָט נאַכט געשריבן פאַר אַ גאַנצער ריי באַקאַנטע צייטשריפטן אין דער ענגלישער שפּראַך. באַזונדערס איז ווערט דערמאָנט צו ווערן זיין וואָגיקע אָפּ־האַנדלונג „פאַשיזם און קאָמוניזם אין זידאַמעריקע", וואָס דערביי זיינען אים שטאַרק צונוצגעקומען די פערזענלעכע דערפאַרונגען, וועלכע ער האָט באַקומען בעת זיינע רייזעס איבער גאַנץ זידאַמעריקע, מעקסיקע און וועסטאינדיע. עס דאַרף דאָ אויך נישט דורכגעלאָזט ווערן זיין מאמר „100 קוועסטיאָנס טאָ קאָמוניסטס", וועלכע ס'האָט אַרויסגעגעבן דער „ביו לידער".

פונקט ווי אַ סך יינגערע דייטשע חברים פונעם „ק.אַ.ב.פּ.", איז אויך נאַכט אין

דער צייט פון זיין אויפהאַלט אין לאָנדאָן געשטאַנען אין נאָענטע באַציונגען מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין איסט־ענד. דאָס איז נישט געווען קיין צופאַל, ווייל די יידישע באַוועגונג, וועלכע איז דעמאָלט געהאַט דערגאַנגען צו איר העכסטן אויפלעב, האָט אויך פאַר די ענגלישע חברים און פאַר די חברים פון אַנדערע שפּראַכגרופּן געהאַט אַ געוואַלדיקע צוציונגסקראַפט. דאָס איז געווען די איינציקע פרייהייטלעכע באַוועגונג אין ענגלאַנד, וועלכע האָט ביי מאַסן־פאַרזאַמלונגען און אַנדערע מאַניפעסטאַציעס געקאָנט ברענגען פון זעקס ביז אַכט טויזנט מענטשן און וועלכע האָט נישט נאָר געהאַט אַ גרויספאַרנעמיקן פאַרלאַגסוועזן, נייערט איז אויך אין משך פון אַ סך יאָרן געווען אימשטאַנד אַרויסצוגעבן אַ וואָכנבלאַט און אַ חודש־זשורנאַל, וואָס אַזעלכעס האָט אפילו די ענגלישע באַוועגונג נישט געקאָנט באַווייזן. ס'איז דעריבער געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַ סך ענגלישע און אויסלענדישע חברים זיינען שטענדיק געשטאַנען אין די נאָענטסטע באַציונגען מיט די חברים אין איסט־ענד. אַזוי אַרום האָט מען אין אונדזער קלוב תמיד געקאָנט זען אַ היפּשע צאָל חברים פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע האָבן גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין אונדזערע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען און פלעגן זיין אָפטע איינגייער ביי אונדז.

דאָס, וואָס די פרייהייטלעכע באַוועגונג האָט געקאָנט באַקומען אַזאַ אויסשפּרייט צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט, לאָזט זיך דערקלערן מיט אַ סך סיבות. די צאָל פון די יידישע עמיגראַנטן איז געווען די גרעסטע אין פאַרגלייך צו די עמיגראַנטן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. חוץ דעם האָט דער גרעסטער רוב עמיגראַנטן פון די מיזרחדיקע לענדער לחלוטין נישט געטראַכט וועגן דעם, זיך ווען־עס־איז אומצו־קערן אין זייערע היימלענדער, וועלכע זיי זיינען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן טאַקע צוליב די אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע ס'איז זיי דאָרט אויסגעקומען צו לעבן. אַ סך האָבן שפּעטער אויסגעוואַנדערט אין אַנדערע לענדער, אָבער קיין רוסלאַנד, פּוילן, רומעניע האָבן זיך גאַנץ ווייניק צוריק אומגעקערט. און טאַקע דערפאַר זיינען זיי געווען געצוווּנגען זיך גיכער צוצופּאַסן צו זייער נייער סביבה; אויך האָבן זיי די אומשטענדן פון זיך אַליין געצוווּנגען זיך צו זאָרגן פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייערע נייע לעבנספאַרהעלטענישן, און דאָס האָט געקאָנט געשען נאָר דורך דער שאַפונג פון אייגענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועלכע זאָלן זיין צו־געפּאַסט צו די ספּעציעלע אַרבעטס־באַדינגונגען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. אָבער דורך דעם האָט די אַקטיוויטעט פון די יידישע אַנאַרכיסטן באַקומען אַ פיל ברייטערן פונדאַמענט און זי האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט אויף די געביטן פונעם פּראַקטישן און קולטורעלן לעבן, וועלכע זיינען לחלוטין נישט געווען צוגענגלעך פאַר דער אַקטיוויטעט פון די אַנאַרכיסטן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין ענגלאַנד.

דער רוב אויסלענדישע חברים, מיטן אויסנאַם פון די יידישע, האָבן באַלאַנגט צו די ענגלישע טרייד־יוניאָנס און אין זיי האָבן זיי אויסגעקעמפט זייער קאַמף פאַרן טעגלעכן ברויט, בעת זייערע אייגענע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט דער אידעישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן דעם פּראָגרעסיוון טייל פון זייערע

לאַנדסלייט אין ענגלאַנד און מיט דער אונטערשטיצונג פון זייערע חברים אינעם היימלאַנד. פאַר די יידישע אַנאַרכיסטן איז דער עיניין געווען אַ גאַנץ אַנדערער. דער אונטערשייד אין די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע לעבנסבאַדינגונגען איז דאָס געווען דער עיקרדיקער פאַקטאָר, וועלכער האָט אַרויפגעלייגט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן חותם אויף זייער גאַנצער אַקטיוויטעט און זיי באַזאָרגט מיט אַ ברייטערן טעטיקייטס־פעלד, וועלכעס האָט זייער באַוועגונג געגעבן אַ פעסטערן קיום. די יידישע אַנאַר־כיסטישע באַוועגונג איז געווען גאָר נאָענט צונויפגעוואַקסן מיטן קולטורעלן און גע־זעלשאַפטלעכן לעבן פון דער אַרבעטערישער באַפעלקערונג און זי האָט כסדר באַ־פרוכפּערט אַלע פאַזן פון איר אַנטוויקלונג. די פּילזייטיקייט פון אירע שטרעבונגען האָט זי געמאַכט פאַר אַ באַשטאַנדטייל פון אָט־דער אַנטוויקלונג און נישט דערלאָזט צו קיין גייסטיקער פאַרשטאַרטקייט, וועלכע מ׳קאָן אַזוי אָפט באַמערקן דווקא ביי באַוועגונגען פון עמיגראַנטן.

די פרייהייטלעכע באַוועגונג ביי אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין לאָנדאָן פלעגט זיך געוויינלעך קאָנצענטרירן אין איין באַשטימטער גרופּע און פלעגט זיך כימעט אויסשליסלעך באַשרענקען אויפן געביט פון דער הויפּטשטאָט. אָבער די יידישע באַוועגונג אין לאָנדאָן האָט געהאַט זיבעצן פאַרשידענע גרופּעס, פון וועלכע יעדע איינע האָט געהאַט דורכצופירן אַ באַשטימטע מיסיע און אַלע צוזאַמען זיינען זיי געווען פאַרייניקט דורכן בונד פון דער פעדעראַציע. זיי האָבן זיך קעגנזייטיק דער־גענצט אין זייער טעטיקייט און אַלע האָבן געאַרבעט פאַרן זעלביקן ציל. חוץ דעם האָט די באַוועגונג אין אַלע שטעט פון לאַנד געהאַט אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געשטאַנען אין נאָענטע באַציונגען מיט די חברים אין לאָנדאָן. אויף דעם אופן האָט יעדער איינער געהאַט די געלעגנהייט זיך אויסצוזוכן אַ טעטיקייט, וועלכע איז צום בעסטן צוגעפּאַסט צו זיינע אינערלעכע נייגונגען און זיך צו פאַר־בינדן מיט יענע מענטשן, מיט וועמען ער איז צום בעסטן אימשטאַנד צו אַרבעטן. דאָס איז געווען אַ גרויסע מעלה, וועלכע די יידישע באַוועגונג האָט געהאַט לגבי אַלע אַנדערע אויסלענדישע גרופּירונגען און וועלכע האָט זיי אויסגעהיט פון דער פאַרצערנדיקע מגיפה פון מוזן זיין שטענדיק אין זעלביקן קרייז צווישן זיך, און ביי דער זעלביקער טעטיקייט, וועלכע ווערט אַזוי אָפט אַן אומגליק פאַר באַוועג־גונגען פון עמיגראַנטן. דער באַשטענדיקער קאָנטאַקט מיטן פּראַקטישן לעבן האָט זי פאַרהיט און באַשירעמט פון דאָגמאַטישער פאַרשטייפטקייט און איר געגעבן אַן אינערלעכע פרייהייט פון באַוועגלעכקייט, וועלכע האָט געמוזט אויספאַלן לטובה פאַר איר גייסטיקער אַנטוויקלונג.

ס׳זיינען געווען די אייגנאַרטיקע לעבנסבאַדינגונגען, ביי וועלכע די פרייהייט־לעכע באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער אין ענגלאַנד האָט זיך געמוזט אַנטוויקלען, וועלכע האָבן איר טעטיקייט געגעבן אַזאַ פּילזייטיקן כאַראַקטער. זי האָט זיך נישט געקאָנט באַנוגענען בלויז מיטן אַרויסגעבן אַ היפּשע און אַרומנעמענדיקע זאַמלונג פון פרייהייטלעכע ביכער און בראָשורן און נעבן זיי איר וועכנטלעכן קאַמפּסאָרגאַן, דעם „אַרבייטער־פריינד", און שפּעטער אויך די טעאָרעטיש־ליטעראַרישע מאָנאַט־

שריפט „זשערמינאַל״; זי איז געווען געצוווּנגען זיך אַריינצומישן אינעם טאָגטעגלעכן לעבן פון די ברייטע מאַסן, צו שאַפן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, זיך אַקטיוו צו באַטייליקן אין אַלע עקאָנאָמישע קאַמפן פון דער אַרבעטערשאַפט און צו שאַפן אַן אַ שיער אינסטיטוציעס, ביכדי אַזוי אַרום אונטעריאָגן די אַלגעמיינע קולטורעלע אַנטוויקלונג פון די אַרבעטער.

איר איניציאַטיוו איז עס בעיקר געווען צו פאַרדאַנקען, וואָס ס׳האָט געקאָנט אַנטשטיין און זיך אָננעמען דער אַרבעטערינג צווישן די יידישע אַרבעטער אין ענגלאַנד. דער אַרבעטערינג איז לכתחילה געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין די פאַרייניקטע שטאַטן פאַרן צוועק פון קעגנזייטיקער הילף. אין זיין גרינדונג האָבן זיך באַטייליקט סאָציאַליסטן פון אַלע ריכטונגען. די ערשטע אָנהויבן זיינען געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1892; אָבער ערשט אין 1900 האָט זיך אָט־דער פרווו אַרויסגעוויזן מזל־ברכהדיק און די אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיקער אינסטיטוציע, וועלכע האָט אין אַלע שטעט פון די פאַרייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע לאָקאַלע ברענטשעס, וועלכע האָבן אין משך פון די לעצטע פופציק יאָר אויפגעטאָן אַ בפירוש פרוכפּעריקע אַרבעט. דער ציל, וועלכן די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט, איז געווען די אונטערשטיצונג פון אירע מיטגלידער אין דער צייט פון קראַנקהייט און אַנדערע פאַלן פון נויט. זי אונטערשיידט זיך פון דער גרויסער צאָל אונטערשטיצונגס־געזעלשאַפטן אין אַמעריקע דורך אירע פּראָגרעסיווע און סאָציאַליסטישע שטרעבונגען און זי פאַרווענדט אירע איבעריקע געלטער פאַר דער אונטערשטיצונג פון פרייע שולן, סאָציאַליסטישע בלעטער פון די פאַרשידנדיקסטע ריכטונגען, פאַרן העלפן אין דער קולטורעלער אַקטיוויטעט און אַ סך אַנדערע ניצלעכע צוועקן. אירע לאָקאַלע ברענטשעס זיינען מחויב איינצוצאָלן אינעם צענטראַלן ביוראָ אין ניו־יאָרק אַ באַשטימטע סומע פאַר יעדן מיטגליד, אָבער אין אַלגעמיין זיינען זיי לגמרי פריי אָנצוגיין און אָנצופירן זייער קולטורעלע טעטיקייט לויט זייער אייגענעם איינזען און בהסכם מיט זייערע באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע שטרעבונגען.

די ערשטע יערלעכע קאָנפערענץ פונעם אַרבעטערינג אין ענגלאַנד איז פאָרגעקומען אין יאָר 1912. די אַלגעמיינע פאָרעם פון דער אָרגאַניזאַציע איז קאָפּירט געוואָרן פון דער אַמעריקאַנישער און זי האָט גאָר אינגיכן געהאַט צו פאַרצייכענען גוטע דערפאָלגן, וועלכע וואָלטן מיסתמא געהאַט געווען נאָך גרעסערע, ווען די גרינדונג וואָלט געווען פאָרגעקומען פריער. אָבער אפילו אַזוי האָט דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע דורכגעפירט אַ שטאַרק ניצלעכע און מזל־ברכהדיקע אַרבעט, וועלכע איז אָבער, צום באַדויערן, שטאַרק באַווירקט געוואָרן דורך דער גרויסער ירידה פון דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה. יעדנפאַלס האָט דער אַרבעטערינג אין גרויסבריטאַניע אויך היינט נאָך איבער צוויי טויזנט מיטגלידער און ער נעמט־אַרום אַלעס, וואָס איז נאָך געבליבן פון דער אַלטער באַוועגונג פון די אַמאָליקע יאָרן.

און הגם די יידישע באַוועגונג איז גאַנץ הויפיק שווער געטראָפן געוואָרן דורך

די פעריאָדישע אויסוואַנדערונגען פון אַ סך גוטע חברים, האָט אָבער די עמיגראַ־ציע פון מיזרח כסדר געברענגט נייע כוחות קיין לאָנדאָן, אַזוי אַז מיר זיינען געווען אימשטאַנד פונדאַסניי אויסצופילן די אַנטשטאַנענע בלויזן, ווען אפילו דאָס איז נישט שטענדיק געווען אַזוי לייכט. אַזוי צ״ב האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן שאָדן דורכן אָפּפאָר פון דוד איזאַקאָוויטש, וועלכער האָט געהאַט אַזעלכע גרויסע פאַרדינסטן ווי דער פאַרוואַלטער פונעם „אַרבייטער־פריינד״ און געשעפטספירער פון אונדזער פאַרלאַג. זיין שטעלע איז נאָך אים במשך פון איניקע יאָר פאַרנומען געוואָרן דורכן חבר מאָריס לענאָבלע און אין יאָר 1910 — דורכן יונגן חבר ש. לינ־דער, וועלכער האָט זיך, נישט געקוקט אויף זיין יוגנט, גאָר שטאַרק אויסגעצייכנט און פאַרנומען די שטעלע מיט מוסטערהאַפטער פאַרשטענדעניש און איבערגעגעבנקייט ביז צום צווייטן יאָר פונעם ערשטן וועלטקריג, ווען דאָס בלאַט איז פון דער ענגלי־שער רעגירונג פאַרמאַכט געוואָרן.

ש. לינדער איז געווען דער מיזשעניק פון אונדזער באַוועגונג. ער איז גע־בוירן געוואָרן אין יאָר 1886 אין אַ קליינער שטאָט פון גאַליציע און איז ווי אַ 14־יעריק בחורל געקומען קיין לאָנדאָן. אַזוי ווי ער האָט, ווי אַן עסטרייכער, געהאַט באַקומען אין זיין היימשטעטל אַן עלעמענטאַרע שולבילדונג אין דער דייטשער און פוילישער שפּראַך, איז ער געווען פּראָגרעסיווער אין בילדונג ווי דער רוב פון די יידישע עמיגראַנטן און דאָס האָט באַגינציקט זיין גייסטיקע אַנטוויקלונג. אין לאָנ־דאָן איז ער באַלד צוגעצויגן געוואָרן צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין איסט־ענד, געקומען צו פאַרזאַמלונגען פון די פאַרשידענע ריכטונגען און מיט גירי־קייט געלייענט אַלעס, וואָס איז אים נאָר אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער סאָ־ציאַליסטישער ליטעראַטור אין דער דייטשער, פוילישער און יידישער שפּראַך. ווען אונדזער בלאַט האָט אין יאָר 1903 ווידער אָנגעהויבן אַרויסגיין, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע „אַרבייטער־פריינד״ און זיך זייער לעבעדיק באַטייליקט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. ער איז כסדר געווען סעקרעטאַר פון די פאַר־שידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פאַר זיין אַקטיוויטעט קיינמאָל נישט פאַר־לאַנגט די מינדסטע שכירות. באַזונדערס אַקטיוו איז ער געווען אין דער „אַנטי־סובקאָנטראַקטינג־יוניאָן״, וועלכע האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר דער אָפּשאַפונג פונעם איינפיר, אַז די געזעלן אין דער באַקלייד־אינדוסטריע זאָלן צאָלן די לערנ־יינגלעך.

לינדער איז שפּעטער אויך געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אינעם „אַרבייטער־פריינד״ און צווישן אַנדערע געשריבן באַריכטן וועגן די פאַרשטעלונגען אינעם יידישן טע־אַטער, ווען עס האָט אונטער דער גלענצנדער רעזשי פונעם שוישפּילער מאָשקאָ־וויטש דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה. אויך ווי אַ רעדנער האָט לינדער גע־האַט גוטע פעיקייטן, וועלכע ער האָט, צום באַדויערן, נישט געקוקט אויף מיינע באַמיונגען, נישט אַנטוויקלט, מחמת ס׳האָט אים, קענטיק, געפעלט די אינערלעכע נייגונג דערצו. אַזוי אַרום האָט ער געדינט דער באַוועגונג פון אונטן, אַזויצוזאָגן, ב׳יז

מיר האָבן שפּעטער באַשלאָסן אים איבערצוגעבן די געשעפטלעכע פירונג פון אונדזער בלאַט און פאַרלאַג און מיר האָבן אין אָט־דער אויסוואַל נישט געמאַכט קיין טעות.

אין יענע יאָרן פונעם גרויסן אויפלעב זיינען אַריינגעקומען אין אונדזער באַוועגונג אַ סך יונגע און אַרבעטזאַמע חברים. צווישן זיי פאַרדינט ספּעציעל דערמאָנט צו ווערן אונדזער פריינט סעם דרין, אַ דערמאָנונג, וועלכע ער האָט זיך ערלעך פאַרדינט דורך זיין יאָרנלאַנגער אומדערמידלעכער אַקטיוויטעט אין אונדזערע גרופּן און אין דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

די שטאַרקייט אין צאָל, די פּילזייטיקייט פון אירע שטרעבונגען און פריער פון אַלץ איר אַקטיווע באַטייליקונג אין אַלע עקאָנאָמישע קאַמפן פון דער אַרבעטערשאַפט — דאָס אַלעס איז עס געווען, וועלכעס האָט דער באַוועגונג פון די יידישע אַנאַרכיסטן געגעבן איר אייגנאַרטיקן כאַראַקטער, וועלכעס האָט זי שטאַרק אונטערגעשיידט פון אַלע אַנדערע אויסלענדישע באַוועגונגען אין ענגלאַנד. נאָר אַזוי אַרום לאָזט עס זיך דערקלערן, הלמאי זי האָט געקאָנט האָבן אַזאַ פאַרנעם און במשך פון אַזוי פיל יאָרן געקאָנט אָנהאַלטן איר פּאָזיציע ווי אַ וואָגיקער באַשטאַנדטייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פרייהייטלעכער באַוועגונג, ביז זי איז לסוף געפאַלן אַ קרבן פונעם ערשטן וועלטקריג, נאָכדעם ווי מ׳האָט געוואַלטזאַם אונטערגעגראָבן אירע וואָרצלען דורך דער אָפּשאַפונג פונעם אַזילרעכט און די נייע פאַרבאָטן קעגן דער איינוואַנדערונג.

# די האַונדסדיטש־אַפּערע

דעם 17טן דעצעמבער 1910 האָבן די לאָנדאָנער פּרימאָרגנצייטונגען געבראַנגט די ידיעה וועגן אַן אויסערגעוויינלעכן פאַרברעך, וועלכער איז פאָרגעקומען אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט אין דער לאָנדאָנער מיזרחדיקער געגנט און וועלכע האָט געהאַלטן שטאַרק געשפּאַנט די עפנטלעכע מיינונג אין משך פון עטלעכע מאָנאַטן. דאָס אָרט פון דער פּאַסירונג איז געוועזן אַן ענגע לאַנגע גאַס מיטן נאָמען האַונדסדיטש, וועלכע פאַרבינדט די בישאָפּסגאַס מיט אַלטגאַט. בערך דריי וואָכן פאַר יענער פּאַסירונג האָבן דריי אומבאַקאַנטע מענער דאָרט געדונגען אַ הויז דירעקט נעבן אַ גרויסן יובעליר־געשעפט מיט דער כוונה, ווי דאָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, ביינאַכט צו מאַכן אַ באַזוך ביים יובעלירער. מ'האָט קיינמאָל נישט געקאָנט געוויר ווערן, צי האָט טאַקע די פּאָליציי נאָך פון פריער געהאַט אַ חשד און דאָסדאָזיקע הויז שטילערהייט באַוואַכט, ווי אייניקע לאָנדאָנער צייטונגען האָבן געוואָלט מאַכן גלייבן; אָבער זייער וואַרשיינלעך איז דאָס נישט. לויט די ידיעות, וואָס די ענגלישע צייטונגען פון יענע טעג האָבן געבראַנגט, זיינען די פּאַסירונגען פאָרגעקומען אויף אַזאַ מין אופן: אין דער נאַכט פון 16טן אויפן 17טן דעצעמבער האָט אַ יידישער קלייטניק, וועלכער איז אין יענער נאַכט געוועזן באַשעפטיקט אין זיין קלייטל ביז שפּעט פאַרטאָג, געהערט עפּעס אַ טעמפּן בויערנדיקן גערויש, וועלכער האָט זיך אים אויסגעוויזן פאַרדעכטיק. האָט ער וועגן דעם געלאָזט וויסן דער פּאָליציי, וועלכע איז טאַקע תיכף געקומען אויפן אָרט פון די געשעענישן. פינף פּאָליציאַנטן מיט איין ציווילן געהיימאַגענט זיינען צוגעקומען צום שכנישן הויז און געפּאָדערט, מ'זאָל זיי אַריינלאָזן. נאָך אַ לאַנגן קלאַפּן איז פאַר זיי לסוף געעפנט געוואָרן דאָס טויער, אָבער ווי נאָר זיי זיינען אַריין אין הויז, זיינען זיי פון די טרעפּ אויפגענומען געוואָרן מיט אַ שטאַרקער שיסעריי פון רעוואָלווערס. דריי פון די פּאָליציאַנטן זיינען טויטלעך פאַרווונדעט געוואָרן און באַלד דערנאָך געשטאָרבן און די אַנדערע צוויי האָבן אויך באַקומען שווערע ווונדן. בלויז דעם געהיימאַגענט, וועלכער איז אַריין דער לעצטער אין הויז, האָט זיך איינגעגעבן באַצייטנס אַרויסצודרייען פונעם מערדערישן שיסעריי.

בעת אָט־דעם ווילדן שיסעריי איז איינער פון די דריי מענער, וועלכע זיינען געוועזן אין הויז, געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל אין רוקן פון זיינע אייגענע חברים. די גאַנצע אומגלויבלעכע פּאַסירונג האָט זיך אָפּגעשפּילט אין משך פון בלויז אייניקע מינוט. אין אָט־דער קורצער צייט זיינען פינף שטאַרקע מענער געמאַכט געוואָרן

קאמפּס־אומפּעיק, אָבער דער זעקסטער באַגלייטער זייערער האָט אָפּגעצויגן, ביכדי צו ברענגען הילף. מיט אָט־דעם מאָמענט האָבן זיך באַנוצט די צוויי פאַרברעכער צו אַנטלויפן און אפילו מיטצונעמען מיט זיך זייער פאַרוווּנדעטן חבר. קאָן זיין, אַז ס׳וואָלט זיך קיינמאָל נישט געווען איינגעגעבן זיי אויסצוגעפינען, מחמת די זעלטענע אַנטשלאָסנקייט, וואָס די פאַראורזאַכער פון אָט־דער בלוטיקער טראַגעדיע האָבן אַרויסגעוויזן, האָט געלאָזט זיך משער זיין, אַז פּערסאָנאַזשן פון דעם מין איז נישט לייכט צו כאַפּן, און אַז זיי האָבן מיסתמא געוווּסט פון פריער צו מאַכן אַזעלכע צו־גרייטונגען, אַז ס׳זאָל דער פּאָליציי אָנקומען שווער זיי צו פּאַקן. ס׳איז געווען בלויז צו פאַרדאַנקען דעם אומשטאַנד, וואָס מ׳האָט זיי אַ בעררּאַשט ביים סאַמע דורכפיר פון זייער פּלאַן, אַז די פּאָליציי איז נאָך דיזעלביקע נאַכט געקומען אויף באַשטימטע שפּורן זייערע.

דער פאַקט, וואָס אָט־די צוויי איינברעכער האָבן געקאָנט נעלם ווערן מיט זייער פאַרוווּנדעטן חבר, נישט איבערלאָזנדיק קיין שום שפּור נאָך זיך, נישט געקוקט דערויף, וואָס די שאָסן האָבן געמאַכט אָפּשטעלן ביים הויז אייניקע מענטשן, מאַכט אַן אומגלויבלעכן איינדרוק און לאָזט זיך אפשר דערקלערן בלויז מיט דעם, אַז די איינ־ברעכער האָבן אָפּגעשראָקן די נייגעריקע מיט זייערע רעוואָלווערס און זיי פאַר־טריבן. זיי האָבן מיסתמא קודם־כל אַוועקגעפירט זייער פאַרוווּנדעטן ערגעץ אויף אַ זיכערן פּלאַץ, איידער זיי האָבן געטראַכט וועגן זייער אייגענער רעטונג. אויך אָט־דער פּרט איז קוים באַגרייפלעך, וואָרן, ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז די ווּנד, וואָס יענער האָט באַקומען, געווען אַ געפערלעכע, אַ טויטלעכע. דאָס, וואָס ער האָט זיך, נישט געקוקט דערויף, נאָך אַ פערטל שעה געקאָנט האַלטן אויף די פיס, האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין ריזיק־שטאַרקן קערפּער און זיין פאַרצווייפלטער ווילנסקראַפט. זיי האָבן זייער פאַרוווּנדעטן, וועגן וועמעס אמתן צושטאַנד זיי האָבן מיסתמא נישט געהאַט קיין אַנונג, אַוועקגעפירט אין דער וווינונג פון אַ יונג מיידל אין גראַוו־סטריט, מיט וועמען זיי זיינען אויבנאויפיק געווען באַקאַנט. זיי האָבן איר דערציילט עפּעס אַ מעשה, איר אָנגעבאָטן אָפּצוהיטן דעם קראַנקן, אָבער נישט צו רופן קיין דאָקטאָר, און זיינען מיט אייניקע מינוט שפּעטער פאַרשוווּנדן.

דאָס אָרעמע מיידל האָט זיך געפונען אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע. הגם זי האָט נאָך אפילו נישט געקאָנט האָבן קיין שום אַנונג וועגן דער אמתער פּאַסירונג, האָט זי זיך אָבער געקאָנט אָנשטויסן, אַז אָט־דער נאַכטלעכער באַזוך קומט מיסתמא נישט פון קיין פריילעכע סיבות. זי האָט זיך געפּאָרעט אַרום דעם פאַרוווּנדעטן אַזוי גוט ווי זי האָט געקאָנט, אָבער אַזוי ווי זיין צושטאַנד איז כסדר ערגער געוואָרן, איז זי געווען געצוווּנגען זיך צו ווענדן צו אַ שכנישן דאָקטאָר נאָך הילף. דער דאָקטאָר האָט שוין געטראָפן דעם פאַרוווּנדעטן אין אַ גסיסהדיקן צושטאַנד און ער האָט תיכף געלאָזט וויסן וועגן דעם דער פּאָליציי, וועלכע האָט שוין געפונען אַ מת, ווען זי איז אָנגעקומען. דער טויטער קערפּער איז נאָך אין דערזעלביקער נאַכט געבראַכט געוואָרן אין „לאָנדאָן־האָספּיטאַל“ און דאָס מיידל איז דערוויל אַרעסטירט געוואָרן. צומאָרגנס האָבן די אָוונט־צייטונגען געבראַכט די ידיעה, אַז מ׳האָט ביי איר געפונען ניהיליס־

טישע ליטעראַטור, וואָס מ׳קאָן פון דעם אַרויסדרינגען, אז מ׳דאַרף די פאַרברעכער פון האָונדסדיטש זוכן צווישן די אויסלענדישע רעוואָלוציאָנערן פון איסט־ענד.

אין דערזעלביקער צייט האָט די פּאָליציי פאַרעפנטלעכט אין אַלע צייטונגען די פערזענלעכע באַשרייבונג פון פיר מענער, וועלכע מ׳שטעלט אין פאַרבינדונג מיט יענעם בלוטיקן עפּיזאָד. די באַשרייבונג איז געווען א היפּש אָרעמלעכע און מ׳האָט זיך געקאָנט משער זיין, אַז די באַאַמטע, וועלכע האָבן זיך געדאַרפט אָפּגעבן מיט דער אונטערזוכונג, האָבן אויף גיך צונויפגעשלעפּט אַלעס, וואָס איז זיי צופעליק אַריינגעפאַלן אין די הענט. איך זאָג צופעליק, ווייל בלויז דעם אומשטאַנד, וואָס איינער פון די איבערפאלער איז פון זיינע אייגענע חברים טויטלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן און זיין טויטער קערפּער איז מיט עטלעכע שעה שפּעטער נאָך די פּאַסירונגען געפונען געוואָרן אין גראַוו־סטריט א דאַנק דער דענונציע פון אַ דאָקטאָר, איז עס געווען צו פאַרדאַנקען ,וואָס די פּאָליציי איז באַלד געקומען אויף די ריכטיקע שפּורן. די ידיעות, וואָס די אַגענטן פון סקאָטלאַנד יאַרד האָבן באַקומען דורכן פאַרהאַלטענעם מיידל און אַפילו אויך דורך אייניקע פון אירע נענטערע באַקאַנטע, זיינען געווען זייער אומקלאָרע. קודם־כל האָבן געפעלט די נעמען פון די פאַרדעכטיקטע פערזאָנען. וועגן טויטן האָט מען נישט געוווּסט, נישט ווער ער איז און נאָך וויניקער, ווו ער האָט פריער געוווינט. אָבער מ׳האָט געהאַט לפּחות זיין בילד, וועלכעס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַלע צייטונגען. דער צווייטער, וועמען די פּאָליציי האָט אַרומגעזוכט, איז געווען אָנגעגעבן ווי „פּיטער דהע פיינטער" (פּעטער דער מאָלער) און לויט דעם אַלעם, וואָס ס׳האָט זיך וועגן אים געזאָגט, האָט מען זיך געקאָנט משער זיין, אַז סקאָטלאַנד יאַרד האַלט אים פאַרן הויפּטשולדיקן. דער דריטער געזוכטער איז אָנגעגעבן געוואָרן ווי אַ געוויסער פריץ. וועגן פערטן פון די געזוכטע, האָט מען אפילו נישט געוווּסט קיין נאָמען און מ׳האָט זיך באַנוגנט מיט אייניקע גאָרנישט זאָגנדיקע באַשרייבונגען.

מיר האָבן תיכף באַקומען ידיעות וועגן אַרעסט פונעם מיידל און באַלד געוווּסט, אַז זי פלעגט רעגלמעסיק קומען צו אונדזערע וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען און צו די אַנדערע אונטערנעמונגען פון אונדזער קלוב. זי איז אונדז געווען באַקאַנט בלויז מיט איר ערשטן נאָמען, ראָזאַ, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע, וועלכע פלעגן דעמאָלסט זיין איינגייער ביי אונדז. די ניהיליסטישע ליטעראַטור, וואָס מ׳האָט ביי איר געפונען, איז באַשטאַנען פון אייניקע נומערן „אַרבייטער־פריינד" און פון „זשערמינאַל", עטלעכע בראָשורן און אייניקע רוסישע זשורנאַלן, פון פריינט, וועלכע זיינען געווען באַקאַנט מיט איר זינט אַ סך יאָרן, זיינען מיר געוויר געוואָרן, אַז ראָזאַ האָט געאַרבעט אין דער שניידער־אינדוסטריע און שטענדיק ערלעך פאַרדינט אויף איר בדוחקדיקער חיונה דורך שווערער אַרבעט. ווו און ווי אַזוי זי איז געווען באַקאַנט מיט די גורמים פון דער האָונדסדיטש־טראַגעדיע — דאָס איז קיינמאָל נישט אויפגעדעקט געוואָרן. ס׳איז מעגלעך, אַז זי האָט וועגן דעם אָנגעגעבן גענויערע איינצלהייטן אין דער צייט פון איר אונטערזוכונגסאַרעסט. אויב דאָס איז טאַקע אַזוי געווען, איז די פּרעסע וועגן דעם נישט געווען אינפאָרמירט און דאָס קאָן האָבן געווען דערפאַר, ווייל אָדער די

פאַליציי האָט לגמרי נישט געהאַט וואָס צו לאָזן וויסן, אָדער ווייל ס׳האָט איר געלוינט עס צו פאַרשווייגן. ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אז ראָזאַ האָט זיך מיט אָט־די פּער־זאָנען באַקאַנט אין קלוב, ווו ס׳פּלעגן פריי אריינקומען הונדערטער מענטשן, פּלעגן באַזוכן אונדזערע פאַרזאַמלונגען אָדער אונדזער לייענזאַל און ביבליאָטעק. צווישן די רוסישע עמיגראַנטן פון יענער צייט פּלעגן זייער לייכט געשלאָסן ווערן אַזעלכע מינים באַקאַנטשאַפטן און מ׳האָט נישט געהאַלטן פאַר נייטיק זיך נאָכצופרעגן, מיט וועמען מ׳האָט דאָ צו טאָן.

פון ראָזאַן גופא איז דעריבער אויך שפּעטער נישט מעגלעך געווען געוווירן צו ווערן קיין נענטערע פּרטים. ווייל פאַרן אומגליקלעכן מיידל, וועלכע איז אין יענער פּאַסירונג זיכער געווען איינגאַנצן אומשולדיק, האָט זיך יענע פּאַסירונג געענדיקט גאַנץ פאַטאַל. איר איבערלעבעניש מיטן פאַרווונדעטן, וועלכן מ׳האָט יענע נאַכט געבראַכט צו איר אין שטוב אַריין, איר גאַנץ אומגעריכטער אַרעסט, די אונטערזוכונג און אַלעס, וואָס האָט דערמיט געהאַט א שייכות, איז געווען צופיל פאַר איר. זי האָט פאַרלוירן דעם גייסטיקן גלייכגעוויכט; אירע געדאַנקען האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגע־הויבן צו צעמישן, אַזוי אַז מ׳האָט זי לסוף געמוזט אוועקשיקן אין א משוגעים־הויז, ווו זי האָט מיט א צייט שפּעטער פאַרענדיקט איר יונג לעבן.

ראָזאַס אַרעסט און די אָנצוהערעניש אין דער ענגלישער פּרעסע, אז די געשע־ענישן אין האונדסדיטש האָבן אַ שייכות מיט די אויסלענדישע רעוואָלוציאָנערן פון איסט־ענד, האָבן אונדז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר האָבן דערפון נישט צו דער־וואַרטן קיין גוטס פאַר אונדז. אין ענגלאַנד איז מען אין אַלגעמיין קיינמאָל נישט געווען געשטימט איבעריקס גוט לגבי אויסלענדער, הגם די צאָל אויסלענדער איז דאָרט געווען קלענער ווי אינעם רוב פון די אַנדערע מערב־אייראָפּעישע לענדער. דער אומשטאַנד, וואָס נאָך סענסאַציעס זיך יאָגנדיקע צייטונגען, אַזעלכע ווי „דיילי מאַיל", „עווענינג ניוס", „סאָן" און אַנדערע, האָבן תיכף געזוכט צו שלאָגן קאַפּיטאַל פונעם עינין און דערמיט אונטערוואַרפן א ממזר די פּאָליטישע פּליטים, האָט געגעבן א מאָטיוו זיך צו שרעקן פאַרן ערגסטן. ענגלאַנד איז דעמאָלסט געווען דאָס איינציקע לאַנד אין אייראָפּע, וועלכע האָט געגעבן די פּאָליטישע פּליטים אַן אמתדיקן אַזילרעכט און זיי נישט געדראָאַט כסדר מיט אַרויסשיקונגען, ווי דאָס איז געווען איינגעפירט אין אַזעלכע לענדער ווי פראַנקרייך, בעלגיע, שווייץ און אַנדערע לענדער. אַ סיסטעמ־אַטישע העצע פון דער געלער פּרעסע האָט דעריבער לייכט געקאָנט גורם זיין, אַראָפּצופירן די עפנטלעכע מיינונג פונעם דרך־הישר, ביכדי אָט־דאָסדאָזיקע ווערטפולע רעכט אפשר איינגאַנצן אָפּצושאַפן אָדער עס דורך רעאַקציאָנערע מיטלען אזוי איינ־צושרענקען, אַז ס׳זאָל שוין מער נישט קאָנען געבן קיין באַשיצונג פאַר א סך פּליטים. מיר האָבן תיכף איינגעזען דידאָזיקע סכנה און געווען שטאַרק פאַרזאָרגט וועגן דער צוקונפט.

אָבער דער עינין האָט זיך אוועקגעשטעלט א סך ערגער ווי מיר האָבן זיך פון אָנהויב משער געווען. אַ טאָג נאָך די געשעענישן אין האונדסדיטש האָט מיך באַזוכט אַן איטאַליענישער חבר און מיר דערציילט, אז מ׳האָט מיט א טאָג פריער אַרעסטירט

מאלאטעסטאן אין שייכות מיט אַט־דער אַפערע, אָבער נאָך אייניקע שעה אים ווידער באַפרייט. די צייטונגען האָבן וועגן דעם גאָרנישט געשריבן, אָבער די האָר אויפן קאָפּ האָבן זיך מיר געשטעלט קאַפּויר, ווען איך בין געוווּיר געוואָרן די נענטערע פּרטים, וועלכע וואָלטן פאַר מאַלאַטעסטאַן און פאַר אַזוי פיל אַנדערע חברים מיסתמא געווען אַן אומגליק אין וועלכן ס׳איז אַנדערן לאַנד. איך האָב באַזוכט ערריקאָן נאָך אין דעמזעלביקן אָוונט און פון זיין אייגענעם מויל זיך אינפאָרמירט וועגן די פּרטים פונעם גאַנצן ענין.

פון זינט דעם יאָר 1907 פלעגט מאַלאַטעסטאַ יעדן דינסטיק ביינאַכט קומען צו אונדז אין קלוב, ביכדי צוזאַמען מיט שאַפּיראָן און מיט מיר זיך צו באַטייליקן אין די זיצונגען פונעם אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ. נאָך דער דערליידיקונג פון אונדזער אַרבעט פלעגן מיר דערנאָך געוויינלעך זיצן מיט נאָך אַנדערע ביי אַ גלעזל טיי אָדער אַ טעפּעלע קאַווע און שמועסן. בערך פיר אָדער פינף חדשים פאַר דעם דורכגעפאַלענעם איבערפאַל־פּרווו אין האָונדסדיטש און זיינע טראַגישע קאָנסעקווענצן האָט מען פאַר מאַלאַטעסטאַן פאָרגעשטעלט ביי אזא געלעגנהייט א לעטישן פליכטלינג, וועלכער פלעגט צוזאַמען מיט אייניקע פון זיינע לאַנדסלייט פון צייט צו צייט באזוכן אונדזערע פאַרזאַמלונגען און ספּעציעל זיך באַנוצט מיט אונדזער לייענזאַל, ביכדי דאָרט צו לייענען די רוסישע צייטונגען. ער איז פאַר א סך געווען באקאנט מיטן נאָמען מוראָנצעף, אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט, צי דאָס איז זיין ריכטיקער נאָמען. מ׳האָט דעמאָלסט אויף אַזעלכע זאכן זיך בכיוון נישט אָפּגעשטעלט, מחמת א סך רוסישע פּליטים האָבן געהאלטן פאר נייטיק אויך אין אויסלאנד צו פארהוילן זייערע נעמען, סיי דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען אין איינקלאנג מיט זייערע קאָנספּיראטיווע געוווינהייטן פון זייער היימלאנד אָדער דערפאַר, ווייל זיי האָבן גערעכנט פריער אָדער שפּעטער זיך אומצוקערן קיין רוסלאַנד און זיי האָבן זיך דערפאַר נישט געוואָלט אויסשטעלן צו קיין סכנה.

מוראָנצעף האָט זיך געקאָנט צונויפרעדן מיט מאלאטעסטאן נאָר דורך א דאָלמעטשער, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען בלויז לעטיש, רוסיש און דייטש, און מאַלאַטעסטאַ האָט, חוץ איטאַליעניש, פראנצויזיש, שפּאניש און ענגליש, נישט באהערשט קיין איינע פון יענע דריי שפּראכן. עטלעכע וואָכן נאָך אַט־דעם ערשטן צונויפטרעף האָט דער חבר זיגפריד נאָכט דערציילט מאַלאַטעסטאַן, אַז מוראָנצעף אַרבעט פון זינט אַ לענגערער צייט איבער א דערפינדונג, אָבער ער קאָן נישט פּראָגרעסירן, ווייל עס פעלט אים אַ פּאַסיקער אַרבעטספּלאַץ און די נייטיקע מכשירים. נאָכט האָט זיך באַקענט מיט מוראָנצעפן, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אינעם פּוילישן קלוב. ער איז פאַר אים פאָרגעשטעלט געוואָרן פון באקאנטע ווי א רוסישער פליכטלינג, וועלכער האָט אין זיין לעטישער היים געשפּילט א גרויסע ראָל, ביז ער איז נאָך דער בלוטיקער אונטערדריקונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין די באַלטישע פּראָווינצן געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. מער האָט נאָכט זיכער נישט געוווּסט גאָרנישט וועגן מוראָנצעפן, וואָרן ער איז געווען א אין זיך פאַרשלאָסענער מענטש, וועלכער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס אָפּצודעקן דעם שלייער,

וועלכער איז געלעגן אויף זיין פֿאַרגאַנגענהייט. דאָס איז אויך געווען זעלבסטפֿאַר־שטענדלעך, מחמת יעדער איינער האָט געוווּסט, אַז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד מוז אַרבעטן שטאַרק בסוד און מיט גרויס אָפּגעהיטקייט. דעריבער האָט מען נישט גערעדט קיין סך וועגן אַזעלכע זאַכן, ווייל יעדער איינער האָט געפֿילט, אַז אומפֿאָרזיכטיקע רייד קאָנען לייכט ווערן אַ סכנה.

מאַלאַטעסטאַ האָט דעמאָלסט געהאַט אַ קליינעם מעכאַניקער־וואַרשטאַט אין איז־לינגטאָן און פֿאַרדינט אויף זיין חיונה פֿון קליינע אַרבעטן ביים צורעכטמאַכן פֿאַר־שידענע זאַכן פֿון זיין פֿאַך. אַזוי ווי ער איז תמיד געווען גרייט צו העלפֿן אַנדערע, האָט ער טאַקע תיכף אויסגעדריקט זיין גרייטקייט צו שטעלן אין מוראַנזעפֿס רשות זיין וואַרשטאַט און ווערקצייג פֿאַרן דערמאָנטן צוועק. פֿון דעמאָלסט אָן פֿלעגט מו־ראַנזעף קומען כּימעט יעדע וואָך אויף עטלעכע שעה אין מאַלאַטעסטאַס וואַרשטאַט, כּדי דאָרט צו מאַכן זיינע אַרבעטן. שפּעטער זיינען זיינע באַזוכן געוואָרן זעלטענער און ער פֿלעגט אין משך פֿון גאַנצע וואָכן איבערהויפּט נישט קומען. אין אַ געוויסן טאָג איז ער געקומען צו מאַלאַטעסטאַן מיט אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט גערעדט פֿראַנ־צויזיש, און דורך אים געלאָזט זאָגן מאַלאַטעסטאַן, אַז ער האָט באַשלאָסן זיך אומצו־קערן קיין רוסלאַנד, ווייל דאָרט קאָן ער מיט זיין אַקטיוויטעט זיין נוצלעכער ווי אין אויסלאַנד. פֿאַר דעם צוועק האָט ער געוואָלט מיטנעמען מיט זיך אַ קליינעם זויער־שטאָף־אַפּאַראַט, וועלכעס איז אין רוסלאַנד שווער צו באַקומען, און געפֿרעגט מאַלאַ־טעסטאַן, צי קאָן ער אים געבן אַן עצה, ווו און ווי אַזוי מ׳קאָן קויפֿן אַזאַ אַפּאַראַט. מאַלאַטעסטאַ, וועלכער האָט נישט חושד געווען קיין שלעכטס און וועלכער פֿלעגט, ווי אַ קליינער בעל־מלאכה, איינקויפֿן אַלע זיינע מאַטעריאַלן און ווערקצייג, וועלכע ער האָט געדאַרפֿט האָבן פֿאַר זיין אַרבעט, אין אַן ענגליש געשעפֿט, האָט אים געגעבן זיינס אַ קאַרטל און אים געעצהט ביי יענער פֿירמע צו קויפֿן אַלעס, וואָס ער דאַרף האָבן. מוראַנזעף האָט טאַקע דאָרט געקויפֿט אַן אַפּאַראַט און זיך דערנאָך מער נישט געוויזן פֿאַר מאַלאַטעסטאַן.

דאָס האָט פּאַסירט אייניקע וואָכן פֿאַר די געשעענישן אין האָונדסדיטש. ווען די פּאָליציי האָט נאָכן אַנטלויפֿן פֿון די איינברעכער אין יענער נאַכט דורכגעפֿירט אַ גרינטלעכע רעוויזיע אינעם הויז זייערן, האָט מען אויך געפֿונען אַ זויערשטאָף־אַפּאַראַט, וועלכן יענע האָבן איבערגעלאָזט נאָך זייער אַנטלויפֿן. אַזוי ווי יעדער פֿון דידאָזיקע אַפּאַראַטן האָט אויף זיך אַ באַשטימטן נומער, איז נאַטירלעך געווען לייכט געוווּיר צו ווערן, ווער ס׳האָט אים פֿאַרקויפֿט. און אַזוי ווי מוראַנזעף האָט זיך ביים קויף באַנוצט מיט מאַלאַטעסטאַס קאַרטל, האָט די פּאָליציי נאָך אין דערזעלביקער נאַכט געקאָנט לייכט געוווּיר ווערן דעם גאַנצן צוזאַמענהאַנג פֿונעם עינין.

צומאָרגנס נאָך דער בלוטיקער געשעעניש, ווען מאַלאַטעסטאַ האָט געגעסן אָנ־בייסן, זיינען פּלוצים אַריינגעקומען אין זיין וווינונג צוויי געהיימאַגענטן און אים דערקלערט, אַז זיי דאַרפֿן אים ברענגען צום אינספּעקטאָר פֿון סקאָטלאַנד יאַרד. ערריקאָ, וועלכער האָט נאָך יענעם פֿרימאָרגן נישט געהאַט אַריינגעקוקט אין קיין צייטונג, און לגמרי נישט געוווּסט גאָרנישט וועגן די פּאַסירונגען פֿון דער פֿאַרגאַנ־

גענער נאַכט, איז נאַטירלעך געווען שטאַרק איבערראַשט און געפּרעגט וועגן דער סיבה פון אָט־דער פאַרבעטונג. וועגן וועלכער די צוויי באַאַמטע האָבן אים נישט גע־קאָנט אָדער נישט געוואָלט געבן קיין אינפאָרמאַציע. ווען ער איז אַרויס אויף דער גאַס מיט זיינע צוויי באַגלייטער, האָט ער געזען, אַז דער גאַנצער אַרויסגאַנג איז אַרומגעשטעלט מיט פּאָליציאַנטן און דאָס האָט ביי אים תיכף געמוזט אַרויסרופן אַ חשד, אַז מיסתמא האָט ערגעץ פּאַסירט עפּעס אויסערגעוויינלעכס, וואָס זאָל באַ־רעכטיקן אַזעלכע מיטלען.

ווי נאָר מאַלאַטעסטאַ איז אָנגעקומען אין סקאָטלאַנד יאַרד, איז ער תיכף אַוועק־געפירט געוואָרן צום אינספּעקטאָר, וועלכער האָט אים אויפגענומען מיט אַן ערנסטער מינע, אָבער העפלעך, און אים דערקלערט, אַז ער איז געצוואונגען אים צו שיקן מיט איינעם פון זיינע לייט קיין ווייטשעפּעל, ביכדי צו דערקענען אַ געוויסן מענטשן און זען, ווער ער איז. ווען מאַלאַטעסטאַ האָט געפרעגט, וועגן וועמען ס'האַנדלט זיך, האָט דער אינספּעקטאָר געענטפערט, אַז ער אַליין ווייס דאָס אויך נישט און דעריבער מוז ער אָנקומען צו זיין הילף. מאַלאַטעסטאַ איז דערנאָך אין באַגלייטונג פון צוויי אַגענטן אָפּגעשיקט געוואָרן אין „לאָנדאָן האָספּיטאַל”, ווו מ'האָט אים געוויזן דעם טויטן קערפּער פון דעם מענטשן, וועלכן מ'האָט געפונען אין גראַוו־סטריט. ערריקאָ האָט אויפן ערשטן בליק דערקאָנט מוראַנזעפן. אויף דער פראַגע, צי ער קאָן אָט־דעם מענטשן, האָט ער אָן וואַקלעניש געענטפערט, אַז יאָ. דאָס איז אים נישט אָנגעקומען שווער, מחמת ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער קאָן דערמיט דעם טויטן נישט ברענגען קיין שום שאָדן.

נאָכדעם האָט מען אים צוריקגעפירט קיין סקאָטלאַנד יאַרד, ווו ער האָט פאַרן אינספּעקטאָר געמוזט זאָגן דאָסזעלביקע, וואָס ער האָט געזאָגט אין שפּיטאָל. קיין סך האָט ער נישט געהאַט צו זאָגן, ווייל ער האָט נישט געוווסט, נישט ווו מוראַנזעף האָט געוווינט און נישט קיין שום אַנדערע איינצלהייט וועגן אים. נאָכדעם ווי דער ערשטער פאַרהער איז געווען געענדיקט, האָט אים דער אינספּעקטאָר דערלאַנגט אַ פרימאָרגן צייטונג, פון וועלכער ער האָט זיך ערשט דערוווסט וועגן די בלוטיקע געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. מאַלאַטעסטאַ איז נאַטירלעך געווען שטאַרק איבערגע־ראַשט און ערשט איצט האָט ער פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מ'האָט אים גענומען אויפן פאַרהער, הגם ער האָט נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען, פון וואַנען די פּאָליציי איז אַזוי גיך געוויר געוואָרן וועגן זיין באַקאַנטשאַפט מיט מוראַנזעפן. נאָכדעם ווי ער האָט דעם אינספּעקטאָר אומגעקערט די צייטונג, האָט אים דער לעצטער געקוקט שאַרף אין פּנים אַריין און אים דערקלערט, אַז אין הויז, וועלכן די איבערפאַלער האָבן געדונגען, האָט מען געפונען אַ זויער־שטאָף־אַפּאַראַט, וועלכער איז מיט וואָכן צוריק געקויפט געוואָרן אין זיין, מאַלאַטעסטאַס, נאָמען. ערשט איצט האָט ערריקאָ פאַרשטאַנען, אַז מוראַנזעף האָט אים אָפּגענאַרט, ווען ער האָט אים דערציילט אַ מעשה, אַז ער קלערט צוריקצופאָרן קיין רוסלאַנד, בעת ער האָט אינדערעמתן געהאַט גאַנץ אַנדערע פּלע־נער און אויף אַ געמיינעם אופן אויסגענוצט זיין צוטרוי.

מאַלאַטעסטאַ האָט נאָכדעם דערציילט דעם אינספּעקטאָר מיט קלאָרע, אומצוויי־

דייטיקע ווערטער דעם גאַנצן אמת. זיינע ווערטער זיינען געווען אַזוי איבערצייגנדיק, אַז דער אינספּעקטאָר האָט מיסתמא אליין אויך געפילט, אַז ווען מאַלאַטעסטאַ וואָלט געווען געהאַט אַפילו בלויז די מינדסטע אַנונג וועגן מוראַנזעפּס אמתע כוונות, וואָלט ער דאָך זיכער נישט געווען אַזוי נאַריש אים צו געבן זיין קאַרטל פאַרן איינקויף פונעם אַפּאַראַט, וועלכער וואָלט געווען אימשטאַנד די פּאָליציי תיכף אַרויפצופירן אויף זיינע שפורן. דעריבער איז עררריקאָ תיכף באַפרייט געוואָרן, נאָכדעם ווי דער אינספּעקטאָר האָט אים פאַר דעם אַנגעזאָגט, אַז ער זאָל זיין גרייט צו מאַכן דיזעלביקע דערקלערונג אויך פאַרן געריכט. די האַלטונג פון דער ענגלישער פּאָליציי איז בכן, אין דעם פאַל געווען זייער קאָרעקט. אין יעדן אַנדערן לאַנד וואָלט מען, אָן ספק, זיך באַנוצט מיטן תירוץ פון מאַלאַטעסטאַס אידעאָלאָגיע, כּדי אים צו פאַרוויקלען אין אַן עיניך, מיט וועלכן ער האָט נישט געהאַט די מינדסטע שייכות, אָבער וועלכע וואָלט פונדעסטוועגן לייכט זיך געקאָנט ענדיקן מיט אַן אומגליק פאַר אים. ס׳זיינען צום באַדויערן באַקאַנט אַזויפיל פאַלן פון דער געשיכטע, ווען דאָס עפנטלעכע רעכט איז צעקרומט געוואָרן דורך פּאָליטישע פאָרורטיילן און בלינדער שינאה און ווען די אַזויגערופענע אומפּאַרטייאישקייט פונעם געזעץ איז דערנידעריקט געוואָרן צו אַ פּשוט־טער קאָמעדיע.

אָבער ווען אפילו מ׳האָט דעמאָלסט נישט געקאָנט מאַכן דער פּאָליציי דעם פאָרוואורף, אַז זי האָט אַריבערגעשפּאַנט די גרענעצן פון איר רעכט, האָט זיך אָבער דערפאַר די געלע סענסאַציאָנאַליסטישע פּרעסע געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט און אָנגעפירט אַ וויסטע העצע קעגן די פּאָליטישע פּליטים אין אַלגעמיין און קעגן די אַנאַרכיסטן בּיפרט, הגם מ׳האָט ביז צום היינטיקן טאָג נישט געקאָנט געוווירן ווערן, צי די פאַרורזאַכער פון דער האַונדסדיטש־טראַגעדיע האָבן בּיכלל באַלאַנגט צו וועלכער ס׳איז ריכטונג. אַפילו אייניקע ליבעראַלע צייטונגען האָבן פאַרגעסן זייערע אַלטע טראַדיציעס אויף אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַ רעפאָרם פונעם אַזילרעכט, כּדי אין דער צוקונפט צו זיין אויסגעהיט פון אַזעלכע און ענלעכע פאַרברעכנס. באַזונדערס איז אונדזער קלוב געווען אויסגעשטעלט ווי א צילברעט פון דער געלער פּרעסע און געמוזט אויסהאַלטן די ווילדסטע און משונהדיקסטע קלאַנגען, וועלכע זיינען וועגן אונדז פאַרשפּרייט געוואָרן. דער צופאַל האָט אונדז צוגעשפּילט, אַז מיר האָבן מיט אייניקע וואָכן פאַר דעם געהאַט אויפגעגעבן אונדזער קלוב, ווייל מיר האָבן מער נישט געקאָנט דעקן די גרויסע הוצאות און מיר האָבן זיך געמוזט אַרומקוקן וועגן א ביליקערן פּלאַץ. אָבער דווקא אָט־דער אומשטאַנד האָט די אייפע־ריקע באַנדיטן פון דער געלער זשורנאַליסטיק געגעבן א מאָטיווירטן תירוץ, כּדי אויסצושפּינען נייע חשדים. אַזוי האָט אַ היצקעפּיקער צייטונגסקנעכט דערקלערט אין דער „דיילי מאַיל״, אַ צייטונג, וועלכע האָט זיך אין אַלגעמיין באַמיט צו האַלטן אַנשטענדיק, אַז דווקא דאָס, וואָס מיר האָבן אויפגעגעבן דעם קלוב פּונקט אין דער צייט, ווען די איבערפאַלער האָבן געדונגען דאָס הויז אין האַונדסדיטש, איז אַ גע־ווגנדיקער מאָטיוו פאַר א סך אויסטייטשונגען און אַלערליי השערות.

און פונדעסטוועגן זיינען אַזעלכע משונה־מאָדנע באַהויפּטונגען נישט געווען די

ערגסטע. געווען צייטונגען, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אָפּהאַלט אַרויסצושטעלן און פאַרשרייען אונדזער קלוב ווי אַ לאַנגיאָריקן צענטער פון אַ געזעלשאַפט פון אינ־טערנאַציאָנאַלע קאָנספּיראַטאָרס, וועלכע שמידן דאָרטן אויס אַלערליי טונקעלע פּלע־נער און וועלכע לאָזן נישט צו קיין שום זייטיקן, וועלכער איז נישט באַקאַנט מיטן סוד־סודותדיקן פּאַס־וואָרט. מ׳האָט פאַרעפנטלעכט אַנאָנימע ידיעות פון כלומרשטע מיטגלידער פונעם געוועזענעם קלוב, וועלכע האָבן דערקלערט, אַז אַלע פערזאָנען, וועלכע ווערן אַרומגעזוכט פון דער פּאָליציי, זיינען מיטגלידער פונעם קלוב און אַז פּיטער דהעם פּיינטער האָט דאָרט אָפט געגעבן רעפעראַטן וועגן דער „פּראַקטישער פאַרווענדונג פון אויפרייסשטאָפן". ס׳איז מיסתמא נישט נייטיק צו באַמערקן, אַז אָט־די אַלע מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט זיינען געווען אויסגעטראַכט פון אָנהויב ביז צום סוף. די אַרויסגעבער פון יענע צייטונגען האָבן דאָס גוט געוווּסט, אָבער וואָס זיי האָט דאָ אינטערעסירט, איז געווען אויפצורייצן און צו געווינען די עפנטלעכע מיינונג פאַר זייערע צוועקן און זיך האַלטן ביים אַלטן כלל: שלײדער חוצפּהדיק רכי־לות, עפּעס פון דעם וועט שוין בלייבן!

מיר זיינען געווען לגמרי אומבאַהאָלפן קעגן אַזעלכע רכילות און ליגנס, ווייל יעדער פּרוּוו קעגנצווירקן דעם מין עפנטלעכע קלאַנגען זיינען דורכגעפאַלן צוליב דעם, וואָס קיין איינס פון יענע אַלע בלעטער האָט נישט געהאַט אויף אַזוי פיל אָנ־שטענדיקייט צו וועלן געבן פּלאַץ פאַר דער מינדסטער דערקלערונג. אַזוי האָבן די חברים אַ. שאַפּיראָ און ש. לינדער, די געוועזענע סעקרעטאַרן פון אונדזער קלוב, אין יאַנואַר 1911 צוגעשיקט צו דער רעדאַקציע פון „דיילי קראָניקל" אַ קורצע דער־קלערונג, ביכדי אָפּצולייקענען די ידיעה, וועלכע יענע צייטונג האָט געבערענגט, אַז מוראַנזעף, פריץ און פּיטער דהעם פּיינטער זיינען געווען מיטגלידער פון אונדזער קלוב. יענע דערקלערונג איז געווען אַ בפירוש זאַכלעכע און האָט בסך־הכל געהאַלטן 12 שורות. פונדעסטוועגן האָט די רעדאַקציע נישט געפילט די באַדערפעניש מקיים צו זיין די פּשוטסטע פליכט פון דער פּרעסע און אָפּגעוואָרפן די פאַרעפנטלעכונג פון אָט־דער דערקלערונג, וועלכע איז דערנאָך אַרויס אינעם יאַנואַר־נומער פונעם „פרידאָם" מיט אַ קורצער דערקלערונג פון דער רעדאַקציע אונטערן טיטל „דזשענטלליט פון דער פּרעסע". פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט פון דאָרט אַליין נישט געקאָנט דערפילן איר צוועק.

איך אַליין האָב שוין אין „אַרבייטער־פריינד" פון 23טן דעצעמבער 1910 געהאַט פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אונטערן טיטל: „די העצע קעגן די אַנאַרכיסטן", וועלכעס האָט זיך פאַרנומען מיט דער האונסדיטש־אַפערע און קלאָר און אומצווײדײטנדיק אַרויסגעבראַכט אונדזער קוק. אויך „פרידאָם" האָט געבראַכט אַ גוט־פאַרטראַכט אַרטיקל: „די האַונדסדיטש־טראַגעדיע — ווו איז פאַראַנטוואָרטלעכקייט?" אָבער אונדזערע אויספירונגען האָבן דערגרייכט בלויז צו אַ באַשרענקטן לייענערקרייז און זיי זיינען נאַטירלעך נישט געווען אימשטאַנד אַראָפּצונידערן די הויכע כוואַליעס פון ליגנס און רכילות, וועלכע זיינען אויף אונדזער חשבון געלאָזט געוואָרן אין צירקו־לאַציע. די חברים פון „פרידאָם" האָבן אפילו שפּעטער אַרויסגעלאָזט אַן אויסגעצייכנט פלוגבלעטל „האונדסדיטש און אַנאַרכיזם", וועלכעס האָט אַפילו געהאַט אַ פיל גרע־

סערן פאַרשפּרייט, אָבער דעם סיסטעמאַטישן שמוצקאַמפּיין פון דער געלער פּרעסע נישט געקאָנט אָפּשטעלן און נישט גענוג שטאַרק קעגנווירקן.

ערשט אין אַזעלכע צייטן באַגרייפט מען, אַז די אַזוי שטאַרק אויסגעלויבטע פּרעסע־פרייהייט אין אַ געזעלשאַפט ווי די היינטיקע איז אונטערגעוואָרפן אונטער פיל גרעסערע באשרענקונגען ווי א סך גלייבן. ס'איז אמת, אז די קאָנסטיטוציע קאָן פאַרזיכערן יעדן איינעם, טעאָרעטיש לפּחות, דאָס רעכט אויף פרייען אויסדרוק פון זיינע געדאנקען, אָבער זי קאָן נישט צווינגען קיין ליגנער צו זאָגן דעם אמת אָדער אָפּצוואַרפן פאַלשע באַהויפּטונגען פאַרן זעלביקן לייענער־קרייז, פאַר וועמען זיי זיינען געמאַכט געוואָרן.

אַפילו די פּערזענלעכע אינטערוויוען פון באַקאַנטע אַנאַרכיסטן מיט פאַרטרעטער פון פאַרשידענע צייטונגען האָבן אין רוב פאַלן נישט געהאַט קיין פּעולה, מחמת זיי זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אין אזא צעקרומטער פאָרעם, אז זיי האָבן קוים געקאָנט האָבן א ווירקונג. דער ערשטער פּרווו אין דעם פּרט איז געווען א וויזיט ביי מאַלאַטעסטאַן מיצד אַ פאָרשטייער פון דער צייטונג „עוועניגג ניוס", וועלכער האָט געוואָלט וויסן זיין מיינונג וועגן אַנאַרכיזם אין אַלגעמיין און די שטעלונג פון די אַנאַרכיסטן צו אינדיווידועלער גניבה ביפרט. מאלאַטעסטאַ, וועלכער איז אין אַזעלכע זאַכן תמיד געווען באַמיט צו זיין אַזוי קלאָר ווי דאָס איז נאָר מעגלעך, האָט געוויינלעך געגעבן אַלע ידיעות, וואָס מ'האָט פון אים פאַרלאַנגט. אָבער ווען ער האָט שפּעטער געזען שוואַרץ אויף ווייס, וואָס מ'האָט געמאַכט פון זיינע אויספירונגען, האָט ער נישט געקאָנט גלייבן זיינע אייגענע אויגן. אַ פּראָטעסט אין דער רעדאַקציע האָט נישט געגעבן קיין פּעולה, און איז פּשוט און פּראָסט איגנאָרירט געוואָרן. מאלאַטעסטאַ האָט נאָכדעם באארבעט זיינע אייגענטלעכע דערקלערונגען, וועלכע ער האָט צוגעשיקט צו מיר און וועלכע איך האָב פאַרעפנטלעכט ווי אַן אַרטיקל אין „אַרבייטער־פריינד" פון 27טן יאַנואַר 1911 אונטערן טיטל „קאַפּיטאַליסטן און גנבים".

אַ געוויסע צייט שפּעטער איז געקומען א רעפּאָרטער פון דער „טיימס" צו אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ און געוואָלט האָבן אַ שמועס מיט אים, ווי מיט דעם סעקרעטאַר פון אונדזער געוועזענעם קלוב. שאַפּיראָ האָט מסכים געווען און האָט געענטפערט אויף יעדער פראַגע לויטן אמתן צושטאַנד פון די זאַכן און אָן יעדער רעזערווירטקייט. אָבער ווען יענער שמועס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָט מען זיין דערקלערונג אַזוי צונויפגעקוועטשט, אַז דווקא די וויכטיקסטע פּונקטן, וועלכע האָבן צום שטאַרקסטן אינטערעסירט און וועלכע דער לייענער האָט צום בעסטן געדאַרפט וויסן, זיינען קוים געווען צו דערקענען. דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט מיט אונדזער ענגלישן חבר ט. ה. קיל, דעם אַרויסגעבער פון „פרידאָם", מיט א רעפּאָרטער פון „סטאַר". מיר האָבן דעריבער אָפּגעשמועסט צווישן זיך, נישט איינגיין מער אויף קיין שמועסן מיט פאַרטרעטער פון די צייטונגען און זיי נישט ענטפערן אויף קיין שום אָנפרעגן, מחמת פון די געמאַכטע דערפאַרונגען זיינען מיר געווען איבערצייגט, אז ס'האָט נישט קיין שום זין און ברענגט נישט קיין שום נוצן.

איינמאָל האָט זיך באַוויזן אַ רעפּאָרטער פון דער „מאָרנינג פּאָסט" אין מיין

זווינונג. ער איז געקומען מיט א רעקאָמענדאציע פון אַ באַקאַנטן פירער פון אן ענגלי־שער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאציע, מיט וועלכן איך בין געווען פריינטשאפטלעך נאָענט און וועלכער האָט מיך געבעטן צו באַוויליקן זיין באקאנטן אן אינטערוויו. די „מאָרנינג פּאָסט" איז טאַקע אַ קאָנסערוואטיווע ציטונג, האָט ער געזאָגט, אָבער נישט קיין סענסאציאָנאַליסטיש בולוואַר־בלאַט, און וואָס שייך דעם רעפּאָרטער, קאָן ער זאָגן, אז דאָס איז אַן אָנשטענדיקער מענטש, וועלכער וועט זיכער נישט אויסנוצן צום שלעכטן דעם געשענקטן צוטרוי צו אים. האָב איך נישט געוווסט, וואָס צו טאָן. דער רעפּאָרטער האָט אינדעראמתן געמאכט א צוטרויליכן איינדרוק, אָבער אויף דעם האָט מען, צום באדויערן, נישט געקאָנט שטעלן צופיל. איך האָב אים דעריבער דער־קלערט גאַנץ אָפן, אז אויפן סמך פון די שלעכטע דערפאַרונגען, וועלכע א סך פון מיינע פריינט האָבן געהאט מיט רעפּאָרטערס פון די בורזשואַזע ציטונגען, האָבן מיר אָנגענומען דעם באַשלוס נישט איינצוגיין מער אויף קיין אינטערוויוס. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער פאַרשטייט דאָס זייער גוט, אָבער ער קאָן מיך פאַרזיכערן, אַז ער וועט מיר נישט געבן קיין שום מאָטיוו פאַר אומצופרידנקייט. האָב איך אים געפרעגט, צי ער קאָן מיר געבן די פאַרזיכערונג, אַז ער וועט אלע מיינע דערקלערונגען אָפּדרוקן אין דער ציטונג ווערטלעך אַזוי ווי איך וועל זיי אים געבן. אַזאַ פאַרזיכערונג האָט ער מיר נישט געקאָנט געבן, מחמת ס'איז אָפּהענגיק פון דער רעדאקציע, וויפל און וועלכעס זי וועט פון זיין רעפּאָרטאזש אויפנעמען און וויפל אַרויסוואַרפן. אָבער דאָס, וואָס ער קאָן מיר יאָ פאַרזיכערן, איז, אַז מיינע אויספירונגען וועלן דערשיינען גע־טריי צו זייער אמתן זין און אָן צעקרומענישן.

זיין אויפריכטיקייט איז מיר געפעלן געוואָרן און איך האָב באַשלאָסן צו וואַגן, איינ־צושטעלן. ער האָט מיר קודם־כל געשטעלט אייניקע פראַגן וועגן מיר גופא און וועגן מיין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן קוק אויף זאַכן. נאָכדעם האָט ער געפרעגט מיין מיינונג וועגן די לעצטע געשעענישן. איך האָב אים אויף יעדער פראַגע זיינער גע־ענטפערט אַזוי קלאָר, אַז ס'איז געווען אויסגעשלאָסן יעדער אופן פון פאַלשן פאַרשטיין אָדער אויסטייטש. דאָס איז מיר געווען נאָך לייכטער דערפאַר, ווייל איך האָב די אַלע וויכטיקע פּונקטן פון אָט־דעם עינין שוין געהאַט באַארבעט און פאַרעפנטלעכט אין אַן אַרטיקל אין „אַרבייטער־פריינד". צום סוף האָט ער מיך נאָך א פרעג־געטאָן, וואָס פאַר אַ דערקלערונג איך האָב פאַר דעם, אז צוליב א פשוטער גניבה זיינען מענטשן אימשטאַנד צו באַגיין אַזאַ שרעקלעכן פאַרברעכן. אַפילו דער ערגסטער ענג־לישער פאַרברעכער וואָלט, לויט זיין מיינונג, נישט באַגאַנגען קיין דרייפאַכן מאָרד צוליב אַזאַ זאַך.

גראָד דידאָזיקע פראַגע איז ביי מיר געווען באַזונדערס אָנגעלייגט. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך פאַרשטיי זייער גוט, הלמאי אַזאַ מאָנסטרועז געשעעניש מוז זיך אים און אַ סך מענטשן אין אָט־דעם לאַנד אויסווייזן אומפאַרשטענדלעך. ביכדי ריכטיק צו פאַרשטיין אַזא מעשה, מוז מען אין זין האָבן און געדענקען די שרעקלעכע פאַרברעכנס, וועלכע זיינען באַגאַנגען געוואָרן אין רוסלאַנד זינט דעם ניצחון פון דער קאָנטררעוואָלוציע אין משך פון די לעצטע פינף יאָר און ווערן נאָך באַגאַנגען ביז

איצט. רוסלאַנד איז אונטער סטאָליפּינס ממשלה געוואָרן א הייל, וועמעס פּחדים מ׳קאָן קוים באַשרייבן. טויזנטער מענטשן אין אַלע טיילן פונעם לאַנד, האָב איך געזאָגט, ווערן דערשאָסן אָן יעדער איינזעעניש, אפילו אָן יעדער מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן פאַר א געריכט. אין די איבערגעפּאַקטע תפיסות פייניקט מען די אַרעסטירטע, ביכדי פון זיי אַרויסצובאַקומען ידיעות, וועלכע מוזן פירן צו נייע בלוטיקע מעשים. אין לעטלאַנד אַליין זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דריי טויזנט מענטשן אָן יעדן געריכטלעכן מישפּט, בלויז אויפן באַפעל פון אַזויגערופענע פעלדגעריכטן. די איינוווינער פון גאַנצע דערפער, צווישן זיי פרויען, קינדער און זקנים, ווערן עפנטלעך געשמיסן. זייערע הייזער ווערן פאַרברענט, טויזנטער ווערן פאַרפאָלגט און געיאָגט ווי די ווילדע חיות און פאַרטריבן אין די וועלדער אַריין. דער אומשטאַנד, וואָס די דורכפירער פונעם איבערפאַל אין האָונדסדיטש זיינען, לויט די פּאָליציייאישע ידיעות, געוועזן לעטן, פאַרדינט דעריבער א ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט.

פאַר דער באַשטעטיקונג פון מיינע דאַטן האָב איך אים אָנגעוויזן אויף קראָפּאָטקינס ביכעלע „דער טעראָר אין רוסלאַנד“, וועלכעס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1909 אויף דער איניציאַטיוו פונעם פּאַרלאַמענטאַרישן רוסישן קאָמיטעט אין ענגלאַנד, און באַזונדערס אויפן אויפרוף צו דער ציוויליזירטער וועלט, וועלכן דער פאַרבאַנד פון דער לעטישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין אויסלאַנד האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1906, ביכדי אויפצוּוועקן דאָס געוויסן פון דער מענטשהייט קעגן די שרעקלעכע אכזריותן פון דער רוסישער רעגירונג אין די באַלטישע פּראָווינצן, אַכזריותן, וועלכע אַזאַ פערזענלעכקייט ווי הערבערט ספּענסער האָט באַצייכנט ווי די „באַנייאיקע באַרבאַריזירונג פון דער מענטשהייט“.

ביי אַזאַ גרויליקן סיסטעם, האָב איך געזאָגט, וועלכער האַלט אונטערן יאָך פון אַ בלוטיקן מאַסנטעראָר אַ לאַנד מיט 160 מיליאָן מענטשן און וועלכער טרעט מיט די פיס יעדעס געפיל פון מענטשלעכקייט, דאַרף מען זיך נישט חידושן, ווען ס׳ווערט פאַרשווונדן דער דרך־ארץ פאַרן מענטשלעכן לעבן. פון מענטשן, וועלכע זיינען פון זינט א סך יאָרן צוגעוווינט, דורך די אכזריותדיקסטע רדיפות, גרינגצושעצן זייער אייגן לעבן, פון אַזעלכע מענטשן קאָן מען קוים דערוואַרטן, אז זיי זאָלן אָפּשאַצן העכער דאָס לעבן פון אַנדערע. און שולדיק פאַר דידאָזיקע צושטאַנדן איז נישט בלויז דער צאַר און זיין רעגירונג, נייערט אויך יענע אַלע אין אויסלאַנד, וועלכע אונטערשטיצן דורך הלוואות די טעראָר־הערשאַפט אין רוסלאַנד און אַזוי אַרום גיבן זיי דעם צאַריזם די מעגלעכקייט אויפסניי אויפגעריכט צו ווערן און צו פאַרטיליקן זיינע פּאָליטישע קעגנער. צו זיי באַלאַנגען אין דער ערשטער שורה די פאַרטרעטער פון דער ענגלישער און פראַנצויזישער הויכפינאַנץ, וועלכע זיינען אפילו פונעם אויפרוף פון אַזאַ מענטש ווי טאָלסטאָי נישט אַרויסגעבראַכט געוואָרן פונעם גלייכגעוויכט.

מיינע ווערטער האָבן אויף מיין באַזוכער געמאַכט א בולטן איינדרוק און ער האָט מיר דערקלערט גאַנץ אָפן, אז ס׳איז אים ביז איצט לחלוטין נישט איינגעפאַלן צו באַטראַכטן די פראַגע אין אַט־דעם ליכט. ווען ער האָט זיך לסוף געגרייט אוועקצוגיין,

האָט ער מיר האַרציק געדאַנקט פאַרן אינטערוויו, וואָס איך האָב אים געגעבן, און ער האָט מיר נאָכאַמאָל פאַרזיכערט, אַז זיין באַריכט וועט מיך נישט אַנטוישן.

צומאָרגנס איז אין „מאָרנינג פּאָסט" אַרויס אַ באַריכט פון קרוב דריי שפּאַלטן, וועלכער האָט מיטן אויסנאַם פון אייניקע קליינע טעותן, אַנטהאַלטן כימעט אַלעס, וואָס איך האָב געזאָגט און אויך ווי אַזוי איך האָב עס געזאָגט. אַפּילו מיין באַמערקונג וועגן דער הילף, וועלכע דער ענגלישער פינאַנצקאַפּיטאַל האָט געגעבן דעם צאַריזם, ביכדי בייצוקומען די רעוואָלוציע, איז נישט געשטראָכן געוואָרן. מיט דער אויסנאַם פון אַן אויסגעצייכנטן אינטערוויו, וועלכן אונדזער ענגלישער חבר דזשאָן טוירנער האָט אין דער זעלביקער צייט בערך געגעבן פאַר אַ רעפּאָרטער פון „וויקלי טיימס אַנד עטשאָ", איז מיין אינטערוויו אין דער „מאָרנינג פּאָסט" געווען דאָס אויספירלעכסטע און בעיקר דאָס אַנשטענדיקסטע, וואָס איז דערשינען וועגן דער האָונדסדיטש־אַפּערע.

איך וויל דאָ אָבער אויסדריקלעך באַמערקן, אַז דאָס, וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן דער מיאוסער העצע פון די געלע סענסאַציעבלעטער, דאַרף נישט אָנגעווענדט ווערן אויף דער גאַנצער ענגלישער פּרעסע. אַפּילו אייניקע צייטונגען, וועלכע האָבן זיך פון אָנהויב געלאָזט מיטרייסן מיט דער פיינטלעכער שטימונג צו די אויסלענדער, האָבן באַלד דערנאָך, נאָך אַ ניכטערער באַטראַכטונג פון די פאַקטן, געביטן זייער שטעלונג און געוואָרנט די רעגירונג קעגן איבערגעאיילטע שריט. אַנדערע ווידער האָבן פון אָנהויב אָן געקוקט אויפן גאַנצן עינין מיט אַ היפּשער אָביעקטיווקייט און זיך אַרויסגעזאָגט קעגן יעדער באַגרענעצונג פונעם אַזילרעכט. צו זיי האָבן באַזונדערס באַלאַנגט די „מאַנטשעסטער גואַרדיאַן", די „מאָרנינג לידער", און „וויקלי טיימס אַנד עטשאָ", וועלכע האָבן זיך מיט אַ ספּעציעלן אייפער אַרויסגעשטעלט קעגן אַלע רעאַקציאָנערע פּרוון און געבליבן געטריי צו זייערע ליבעראַלע טראַדיציעס. „מאַנטשעסטער גואַרדיאַן" האָט זיך מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט אַרויסגעזאָגט קעגן יעדן פּרוו צוצושרייבן די לעצטע געשעענישן וועלכער ס׳איז פּאָליטישער ריכטונג און באַצייכנט די העצע פון דער געלער פּרעסע ווי אַ גייסטיקע צעמישעניש, וועלכע מ׳קאָן דורך גאַרנישט רעכטפאַרטיקן און וועלכע אַנטהאַלט אין זיך גרויסע סכנות פאַר דער צוקונפט. דער „מאָרנינג לידער" האָט זייער ריכטיק באַטאָנט, אַז דערווייל איז נישט פאַראַן קיין שום אַנאַרכיסטישער פּראָגראַם, וועלכער זאָל געווען האָבן געמאַכט דעם מאָרד און רויב ווי דעם פּרינציפּ פון אַ פּאָליטישער באַוועגונג. און אַפּילו ווען ס׳זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז די איבערפאַלער פון האָונדסדיטש האָבן זיך געהאַלטן פאַר אַנאַרכיסטן, איז דאָס אָבער נישט קיין שום באַווייז קעגן די אַנאַרכיסטן אין אַלגעמיין, פּונקט ווי קיין שום שכלדיקער מענטש וועט נישט מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך די קאַטוילישע אָדער פּראָטעסטאַנטישע קירך פאַר פאַרברעכנס דערפאַר, וואָס זייערע אויספירער זיינען צופעליק פּראָטעסטאַנטן אָדער קאַטאָליקן.

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אייניקע באַקאַנטע ענגלישע סאָציאַליסטן זיינען דעמאָלסט נישט געווען פעיק אַפּילו זיך אויפצוהייבן צו דער הויך פון די דערמאָנטע ליבעראַלע צייטונגען. אַזוי האָט ראָבערט בלאַטשפאָרט, דער רעדאַקטאָר פון דער סאָציאַליסטישער צייטונג „קלאַריאָן", פאַרעפנטלעכט אינעם „וויקלי דיספּאַטש" אַן

אַרטיקל וועגן „פילאָזאָפישע פאַרברעכער״, וועלכער איז זיכער נישט איבערגעטראָפן געוואָרן אין בלינדער שינאה און אין רעאַקציאָנערן אויסטייטש פון קיין שום היפּער־פּאַטריאָטישן בלאָט. בלאַטשפאָרט, וועמעס פאַנאַטישע שינאה צו פרעמדע ס׳האָט זיך אַזוי אומאַנגענעם אַרויסגערוקט אין דער צייט פונעם ערשטן וועלטקריג, האָט שוין דעמאָלסט אַרויסגעוויזן, ווי ווייט פאַרבלענדט ער איז געווען פון נאַציאָנאַלער גדלות. ער האָט אין זיין אַרטיקל געטענהט, אַז ענגלאַנד האָט ביז איצט צו גרויסמוטיק באַהאַנדלט די אויסלענדער. ער האָט דעריבער געפאָדערט, אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָל יעדער פרעמדער אין ענגלאַנד געשטעלט ווערן אונטערן קאָנטראָל פון דער פּאָליציי; ס׳זאָל פאַרוואַרט ווערן דער אַריינפאָר אין לאַנד פון יעדן אויסלענדער, וועלכער ווערט פון וועלכער ס׳איז אייראָפּעישער רעגירונג באַצייכנט ווי א פאַרברעכער. און טאָמער איז דאָס אַלעס געווען וויניק, האָט ער פאַרלאַנגט, אַז יעדער פרעמדער זאָל אין לאַנד אַוועקגעשטעלט ווערן אונטער א ספּעציעלן אויסנאַמלעכן געזעץ, וועלכעס זאָל געבן דער רעגירונג און דער פּאָליציי דאָס רעכט צו טאָן אין יעדן פאַל באַזונדער וואָס זיי וועלן האַלטן פאַר פּאַסיק און נייטיק. צו דעם זיינען אפילו אַזעלכע היפּערפּאַטריאָטישע בלעטער ווי „דיילי מאַיל״ און „עווענינג ניוס״ נישט דערגאַנגען. וועגן דער שטעלונג פון „דזשאָסטיס״, דעם אָרגאַן פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועט נאָך שפּעטער זיין די רייד. בלויז דער „לייבאָר לידער״, דער אָרגאַן פון דער אומאָפּהענגיקער לאַבאָריסטישער פּאַרטיי, איז נישט מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון דער העצע קעגן די „פרעמדע״ און ער האָט מיט שטאַרקער אַנטשלאָסנקייט באַקעמפט יעדע כוונה פון דער רעאַקציע קעגן דעם אַזיל־רעכט.

עס דאַרף דאָ נישט אויסגעלאָזט ווערן צו דערמאָנען א זייער געלונגענעם סאַטירישן פעליעטאָן פונעם באַקאַנטן ענגלישן זשורנאַליסט פיליפּ דזשיפּס אין „וויקלי גראַפיק״. דער שרייבער האָט מיט א סך הומאָר איבערגעגעבן, ווי אַזוי זיין רעדאַקטאָר האָט אים אַוועקגעשטעלט אין אַ שווערער און אַנגסטלעכער סיטואַציע דערמיט, וואָס ער האָט אים געהייסן גיין אויפזוכן די אַנאַרכיסטן פון איסט־ענד, כּדי געוווּר צו ווערן גענויערע פּרטים וועגן זייערע קאָנספּיראַציע־פּלענער. אַרומגענומען פון שוואַרץ־פּינצטערער זאָרג, האָט ער קודם־כּל געמאַכט זיין צוואה, זיך פייערלעך געזעגנט מיט פרוי און קינדער און דערנאָך זיך אַוועקגעלאָזט דורכפירן זיין מיסיע. נאָך א סך אויספאָרשונגען איז אים לסוף געלונגען אויסצוגעפינען דאָס פּלאַץ, וווּ די אַנאַרכיסטן פלעגן זיך פאַרזאַמלען. דאָס איז געווען אַ קליינע שענק, אין וועמעס אויבערשטן גאָרן ס׳זיינען פאָרגעקומען די צונויפטרעפן פון די קאָנספּיראַטאָרס. כּדי זיך צו מאַכן מוט, האָט ער זיך קודם־כּל געהייסן ביים טיש אין שענק דערלאַנגען אַ גלאָז וויסקי. דער באַלעבאָס האָט אויף אים געוואָרפן אַ שאַרפן בליק און אַ זאָג־געטון: „אַ שיין וועטער היינט״. אַהאַ, האָט ער זיך געטראַכט, דאָס איז מיסתּמא דאָס סוד־סודותדיקע פּאַסירוואָרט פון די אַנאַרכיסטן און ער האָט געענטפערט: „טאַקע, אינדערמתן, א שיין וועטער״. דערנאָך איז ער מיט א קלאַפּנדיק האַרץ אַרויפגעגאַנגען אויף די שמאָלע טרעפּ, כּדי זיך צונויפצוטרעפן פּנים אל פּנים מיט אָט די־שרעקלעכע קאָנספּיראַטאָרס. ער האָט גערעכנט זיך צונויפצוטרעפן מיט א באַנדע פראָפעסיאָנעלע מאַרעוויי־

כערס, ביי ווען מען מ׳קאָן אַראָפּלייענען פון די פּנימער די סימנים פון עם לאָמבראָזישן פאַרברעכער־טיפּ. ער איז אָבער געווען נישט ווייניק איבערגעראַשט, ווען ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט א גרעסערער געזעלשאַפט פון מענער און פרויען, וועלכע האָבן זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון אַנדערע מענטשן און וואָס דער רוב פון זיי האָט אַפילו געמאכט אַן אומאָפּפרעגבארן אינטעליגענטן איינדרוק. נעבן א גרויסן טיש, אָנגעלייגט מיט ביכער, בראָשורן און צייטונגען, איז געשטאַנען א שלאַנקע יונגע פרוי, וועמעס ערנסט, אַביסל בלאַס פּנים מיט די גרויסע טונקעלע אויגן און געדיכטע שווארצע האָר האָט דערמאָנט אין א קעניגן פון א טראגעדיע. דידאַזיקע באשרייבונג איז געווען צוגעפּאסט צו מילין, וועלכע האָט זיך ביי אלע אונדזערע צונויפטרעפן אָפּגעגעבן מיטן פאַרקויף פון ליטעראַטור. דזשיפּס האָט דערנאָך מיט סימפּאטישע ווערטער באשריבן די אויסוויקלונג פון דער פאַרזאמלונג און געגעבן א גאַנץ געטרייען סך־הכל פון אַ רעפעראט, וואָס איך האָב יענעם אָוונט געהאלטן. דערביי האָט ער מיט אַ פיינער איראָניע באמערקט, אז אין מיינע אויספירונגען האָט זיך טאַקע נישט גערעדט וועגן קיין מאָרד און איבערפאַל, אָבער אַז דער גייסטיקער דינאַמיט פון אַזעלכע אידעען איז פאַרן היינטיקן געזעלשאפטלעכן סדר געפערלעכער ווי די באָמבעס פון די, וואָס פירן דורך אטענטאטן, ווייל דער עקזיסטירנדיקער שלעכטער סאָציאַלער צושטאַנד שטעלט שטענדיק צו נייע דערנערונג פאַר דער אַלגעמיינער אומצופרידנקייט און באַגייסטערט דעם גלויבן אין דער באַדערפעניש פון א גרויסן געזעלשאַפטלעכן איבערקער. דערמיט האָט ער זיכער אַריינגעטראָפן אין סאַמע פּינטל אַריין.

# די באַלאַגערונג פון סידני סטריט

אין דער צווישנצייט איז אַ גאַנצע אַרמיי געהיימפּאָליציאַנטן געווען פאַרנומען מיטן זוכן צו קומען אויף די שפּורן פון מוראָנזעפס פאַרשווונדענע שותפים. די פּאָליציי האָט דורכגעפירט אַ היפּשע צאָל אַרעסטן, אָבער דער רוב פון די פאַרדעכטיקטע האָט באַלד געמוזט באַפרייט ווערן, מחמת ס׳זיינען נישט געווען קיין שום באַווייזן קעגן זיי, וועלכע זאָלן זיי קאָנען קאָמפּראָמעטירן. בלויז נינא וואַסילעוואַ, מוראָנזעפס געוועזענע געליבטע, די צוויי לעטישע סאָציאַלדעמאָקראַטן פּעטערס און דובאָוו און אַ יידישער פריזירער מיטן נאָמען ראָזען זיינען דערוויל פאַרבליבן אַרעסטירט. מיט אייניקע טעג שפּעטער נאָך די געשעענישן אין האַונדסדיטש האָט מען אויך באַוויזן אויסצוגעפינען מוראָנזעפס וווינונג. דער באַלעבאָס פונעם הויז, ביי וועמען ער האָט געוווינט, האָט געזען דאָס בילד פונעם טויטן אין די צייטונגען און ער האָט געלאָזט וויסן דער פּאָליציי וועגן דעם. דערדאָזיקער מענטש איז געווען א פרומער ייד, אַ מיטגליד פון א שילעכל און נישט באַלאַנגט צו קיין שום פּאַרטיי. ער האָט מוראָנזעפן פאַרדונגען דאָס צימער, נישט האָבנדיק אפילו די מינדסטע אַנונג, וואָס פאַראַ געפערלעכן שכן ער האָט צו זיך אַריינגענומען. מ׳האָט אין צימער געפונען אַ היפּשן סכום פייער־געווער, פאַרשידענע מכשירים אויפצוברייסן שלעסער, אייניקע כעמישע פּרעפּאַראַטן, אָבער קיין שום שריפטלעכע מאַטעריאַלן, וועלכע זאָל דער פּאָליציי געווען געבן וואָס פארא ס׳איז אָנווייזונגען, זיך צו אָריענטירן.

דער לעצטער אַקט פון דער האַונדסדיטש־אַפּערע האָט זיך פאַרענדיקט דעם 3טן יאַנואַר 1911 מיט אַ דראַמאַטישן פינאַל, וואָס אַזעלכן האָט נאָך לאָנדאָן פריער קיינמאָל נישט געזען. נאָך אַ צווייוואָכעדיקער אומדערמידלעכער נאָכזוכונג איז די פּאָליציי לסוף געוואָר געוואָרן, אַז מוראָנזעפס ביידע צוהעלפער באַהאַלטן זיך אויס אין אַ וווינונג פון אַ פרוי אין סידניי־סטריט. אַזוי ווי מ׳האָט זיך לאָגישערווייז געקאָנט משער זיין, אַז די אַרומגעזוכטע וועלן זיך נישט איבערגעבן אָן א ווידערשטאַנד, האָט מען זיי געוואָלט איבערראַשן בעתן שלאָף. פאַר דעם צוועק האָט מען אין דער נאַכט פאַרן צוגעגרייטן פּלאַן זיי צו פאַרנעמען דערווייטערט אַלע איינוווינער פונעם הויז און פאַרטאָג האָט א דעטעקטיוו געפּרוווט אַרויפקלעטערן אויף א לייטער, ביכדי צוצוקומען צום פענצטער פונעם צימער, ווו מ׳האָט גערעכנט צו געפינען די צוויי געזוכטע. ער איז ת.כף אויפגענומען געוואָרן מיט אַ שיסעריי פון

רעוואָלווערס און זיך קוים געראַטעוועט פון טויט. קענטיק, אַז זיי האָבן געהאַט אַ חשד, אַז מ׳האָט זיי אויסגעפונען און זיי זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך. די האָפענונג זיי צו קאָנען איבעראַשן איז אַזוי אַרום דורכגעפאַלן. וואָס ס׳איז נאָכדעם פאָרגעקומען איז שווער צו באַשרייבן. אויפן באַפעל פונעם מיניסטער ווינסטאָן טשוירטשיל, וועלכער איז אַליין געקומען אויפן קאַמפּספּלאַץ, זיינען אַלע קעגנאיבערדיקע הייזער און די גאַנצע גאַס באַזעצט געוואָרן מיט באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן און באַלד נאָכדעם אויך מיט מיליטער. לויט די דעמאָלטיקע ידיעות אין די צייטונגען האָט מען קאָנצענטרירט נישט ווייניקער ווי 1.400 מאַן מיט פיר מאַשינבּיקסן, ביכדי צו כאַפּן אָדער צו הרגענען צוויי פּערזאָן. נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן דאָס רעגלמעסיקע שיסעריי, וועלכעס האָט טאַקע נישט געקאָסט קיין קרבנות, ווייל ביידע צדדים האָבן זיך באַשיימפּערלעך גוט אויסגעהיט, נישט צו דינען ווי אַ צילברעט פאַרן קעגנער. אָט־דער קאַמף האָט געדויערט פולע אכט שעה. אַזוי ווי מיר האָבן געוווינט גאַנץ נאָענט פון דאָרט, האָבן מיר געהערט יעדן שאָס.

ווען ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט און ס׳איז געווען אַ מאָטיוו זיך צו שרעקן, אַז די ביידע פאַרפאָלגטע וועלן קאָנען אַנטלויפן איבער די דעכער פון די שכנישע הייזער, האָט מען לסוף אונטערגעצונדן דאָס הויז. ווען די געביידע איז שוין געווען איינגעהילט אין פלאַמען, איז מיטאַמאָל אַנטשטאַנען אַ לענגערע פויזע אין דער שיסעריי. נאָכדעם האָט מען נאָך געהערט דייטלעך צוויי שאַרפע שאָסן, מיט וועלכע ביידע זיינען בלי־ספק באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. אינעם אש האָט מען שפּעטער געפונען די האַלב־פאַרברענטע קערפּערס פון די ביידע מענער, וועמעס פּנימער זיינען געווען אַזוי פאַרברענט, אַז קיינער האָט זיי נישט געקאָנט דערקענען. לויט די ידיעות אין די צייטונגען איז איינער געווען דער פון דער פּאָליציי געזוכטער „פּריץ״, בעת דעם צווייטנס נאָמען איז קיינמאָל נישט באַקאַנט געוואָרן. אָבער לויט אַלע איינצלהייטן, וועלכע מיר האָבן שפּעטער געקענט אַליין צונויפנעמען, קאָן מען כימעט מיט זיכערקייט אָננעמען, אַז דער טויטער איז געווען אַן עמיגראַנט, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג געהאַט געקומען פון רוסלאַנד און וועמען מ׳האָט בלויז געקענט מיט זיין ערשטן נאָמען יאַשקאַ. לויט ווי מ׳האָט אונדז שפּעטער דערציילט, פלעגט ער אַ סך פאַרברענגען מיט מוראַנזעפן און זיין קרייז, אָבער עס ווייזט אויס, אַז ער איז דער פּאָליציי נישט געווען באַקאַנט.

די געשעענישן אין סידניי־טריט זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען אַ מאָטיוו פאַר אַ נייעם שטורעם אין דער פּרעסע. אָבער די שטימונג איז דאָס מאָל געווען אביסל געדעמפּטער און פאַרמישט מיט אַנדערע געפילן. טיילווייז איז דאָס געקומען דערפון, וואָס חוץ די ביידע איבערפאַלער זיינען אין יענער געדענקווירדיקער גאַסנשלאַכט נישט געווען קיין אַנדערע קרבנות. און פון דער אַנדערער זייט האָט די גראָטעסקע דערשיינונג פון האָבן קאָנצענטרירט אַ גאַנצע אַרמיי מיט מאַשינבּיקסן אין קאַמף קעגן צוויי מענטשן אַרויסגערופן גאַנץ בייסיקע און איראָנישע קאָמענטאַרן און טשוירטשיל האָט געמוזט אויסהאַלטן נישט איין גרינגשעצנדיקע באַמערקונג וועגן זיך אין די צייטונגען. מ׳האָט אים איראָניש באַצייכנט ווי דעם העלד פון סידניי־

סטריט און אַ קאָנסערוואַטיווע צייטונג האָט געפּרעגט מיט אומפּאַרהוילענעם חוזק, ווי אַזוי ס׳וואָלט געווען די לאַגע, ווען מ׳זאָל אין דער צוקונפט נעמען באַנוצן די אַרמיי אין קאַמף קעגן דעם פאַרברעכערטום, אַנשטאָט, ווי פריער, איבערלאָזן די־דאָזיקע אַרבעט צו דער פּאָליציי.

ווי אַזוי די פּאָליציי איז געקומען אויף די שפּורן פון די צוויי געזוכטע איז קיינמאָל נישט אויפגעקלערט געוואָרן עפנטלעך, ווייל סקאָטלאַנד יאַרד האָט פאַר די צייטונגען נישט אַרויסגעגעבן קיין שום ידיעה וועגן דעם. פונדעסטוועגן איז די לייזונג פונעם רעטעניש נישט אַזוי שווער, ווען מ׳נעמט אין באַטראַכט אַלע נעבנטערע אומשטענדן. ביידע גנבים זיינען, נאָכדעם ווי זיי האָבן זייער שווער פאַרוווּנדעטן חבר אָוועקגעפירט אין גראַוו־סטריט, תיכף פון דאָרט אַוועק אין דער וווינונג פון יענער פרוי אין סידניי־סטריט, ווו זיי זיינען אכצן טעג נאָכדעם אַנגעיאָגט געוואָרן פון זייער גורל. פון די צייטונגס־ידיעות איז אויסגעקומען, אַז יענע פרוי האָט אַנגעהאַלטן אינטימע באַציונגען מיט פריצן, אַזוי אַז ביידע האָבן זיך דערווייל ביי איר מיסתמא געדאַרפט פילן גוט זיכער. קאָן זיין, אַז דאָס וואָלט טאַקע אַזוי געווען, ווען ס׳זאָל זיך געווען האַנדלען בלויז וועגן אייניקע טעג. אַזוי ווי דער ענין איז דאָ געווען א גאַנץ אַנדערער, האָט זיך די פרוי געפונען אין א זייער געפערלעכער לאַגע. זי האָט יעדן טאָג געמוזט גיין אַרבעטן אין א פאַבריק און איינקויפן אַלץ פאַר דריי מענטשן, וואָס מיט דעם אַליין האָט זי שוין געקאָנט ציען אויף זיך אַ חשד, מחמת ס׳האָט דעמאָלט אין איסט־ענד געשווּיבלט און געווימלט מיט געהיימאַגענטן.

ס׳איז דעריבער זייער וואַרשיינלעך, אַז די פרוי גופא, א פאַרפייניקטע פון שרעק און אָן אן אויסקוק, אַז אירע אומגעבעטענע און נישט אַנגעלייגטע געסט זאָלן קאָנען געפינען א באַהעלטעניש ערגעץ־אַנדערש־ווו, האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי זיך אַנדערש אָן עצה צו געבן ווי נאָר אַליין צו לאָזן וויסן דער פּאָליציי, ביכדי זיך צו באַפרייען פון דער אייביקער מורא. דער עצם פאַקט, אַז מ׳האָט איר גאָרנישט געטאָן און מ׳האָט זי שפּעטער אפילו נישט גערופן ווי אַן עדות, לאָזט כימעט מיט זיכערקייט זיך משער זיין, אַז אָט־די דערקלערונג איז די איינציק־מעגלעכע. ס׳איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז די ענגלישע אויטאָריטעטן זאָלן נישט צוציען צו פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט א פּערזאָן, וועלכע האָט געפּרוווט אויסצובאַהאַלטן פון דער געזעצ־לעכער שטראָף צוויי מענטשן, וועלכע זיינען געזוכט געוואָרן צוליב א דרייפאַכן מאָרד. צי אָט־די־דאָזיקע פרוי האָט אינפאָרמירט די פּאָליציי באַלד פון אָנהייב און די לעצטע האָט געוואַרט מיט אַרעסטירן זיי תיכף, ווייל זי האָט גערעכנט צו קאָנען אַנטדעקן נאָך אַנדערע מיטשולדיקע, אָדער, און דאָס איז מיסתמא וואַרשיינלעכער, אַז זי האָט דער פּאָליציי געלאָזט וויסן ערשט שפּעטער צוליב דער מורא, וואָס האָט זי באַהערשט, דאָס איז אַ פראַגע, וועגן וועלכער מ׳קאָן בלויז מאַכן השערות.

מיר אַליין האָבן אין יענער צייט געהאַט גענוג אויסצושטיין. ס׳איז אמת, אַז מ׳קאָן נישט באַשולדיקן די ענגלישע אויטאָריטעטן, אַז זיי זיינען אַריבער די גרעני־צן פון זייערע רעכטן און אויסגענוצט די געלעגנהייט אונדז אונטערצוּוואַרפן א ממזר. אָבער דאָס איז פונדעסטוועגן נישט געווען קיין שטער, אַז אייניקע פון זייערע

אַגענטן זאָלן אונדז מאכן פאַרשידענע שוועריקייטן און אָנווענדן שיקאַנעס קעגן אונדז, כדי אונדז אָנצוטאָן צרות, ווי נאָר זיי האָבן געקאָנט. אַזוי האָט מען געפּרוווט ווירקן מיט אַלע מיטלען אויף אונדזער דרוקער, אַז ער זאָל מער נישט דרוקן אונדזער צייטונג. דאָס איז געווען אַן ענגלענדער, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט אונדזער באַוועגונג. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן יעדע וואָך געמוזט מורא האָבן, אַז סוף־כל־סוף וועט ער זיך דאָך לאָזן אָפּשרעקן, איז אונדז שוין דעמאָלסט אויפגעקומען דער געדאַנק זיך צו פאַרשאַפן אַן אייגענע דרוקמאַשין. די סאָלידאַריטעט פון אונדזערע חברים האָט אונדז אויך דאָס איצטיקע מאָל אַרויסגעשלעפּט פון אַלע שוועריקייטן און דורך דער פאַרמיטלונג פון מיין אַלטן פריינט ווילהעלם ווערנער האָבן מיר שפּעטער באַוויזן צו קויפן אַ דרוקמאַשין, אמת, אַ געניצטע, אָבער אַ גוט־אויפגעהיטע, און מיר זיינען שוין מער נישט געווען אָפּהענגיק פון פרעמדע צו דרוקן אונדזער בלאַט און מיר זיינען אויך געווען אימשטאַנד אַליין אָפּצודרוקן די אַרבעטן פון אונדזער פאַרלאַג.

ערגער איז געווען די לאַגע בנוגע דער מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע. אין משך פון אייניקע מאָנאַטן איז אונדז געווען אוממעגלעך צו באַקומען אַ פּאַסיקן זאַל פאַר אונדזערע וועכנטלעכע פאַרזאַמלונגען, ווייל די באַלעבאַטים פון די זאַלן האָבן נישט געהאַט קיין מוט אונדז צו פאַרדינגען זייער לאָקאַל צוליב מורא פאַר אַ קאָנפליקט מיט דער פּאָליצייַ. מיר זיינען דעריבער געווען געצווונגען פאַר אַ משך פון אַ סך וואָכן אָפּצוהאַלטן אונדזערע פאַרזאַמלונגען אין דער אַכסניא פון אונדזער חבר י. קאַפּלאַן אין הענבורי־סטריט. דאָס איז אָבער געווען בלויז אַן אַרויסהעלף בשעת הדחק, ווייל דער צו קליינער זאַל האָט זיך נישט געפּאַסט פאַר אונדזערע באַדערפענישן. ערשט נאָך אַ לענגערער צייט זיינען מיר געווען אימשטאַנד צו דינגען אַ גרעסערן זאַל.

אין יאַנואַר 1911 האָט געזאָלט פאַרקומען אַ גרויסע פייערונג צו דער 25 יעריקער עקזיסטענץ פונעם „אַרבייטער־פריינד". מיר האָבן געהאַט באַשלאָסן צו דער געלעגנהייט אַרויסצולאָזן אַן אויסערגעוויינלעך פאַרגרעסערטן נומער פון 24 זייטן, חוץ דעם האָבן מיר געוואָלט דורכפירן אַ גרויסן יום־טוב און נאָך מיט עטלעכע וואָכן פאַר די געשעענישן אין האָונדסדיטש האָבן מיר שוין געהאַט געדונגען אַ גרויסן זאַל. אונדזערע חברים זיינען שוין געווען שטאַרק באַשעפטיקט ביים פאַרקויפן בילעטן. אָבער נאָך די געשעענישן האָט אונדז דער באַלעבאָס פונעם זאַל געלאָזט וויסן, אַז ער קאָן אונדז נישט געבן דעם זאַל, אָבער ער איז גרייט אונדז אומצוקערן אַלע אויסגאַבן, וואָס מיר האָבן געמאַכט. דער ווירטער מענטש האָט אונדז בפירוש געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ווען אַפילו ס'איז אמת, אַז ער שענקט נישט קיין שום באַטייט די אַלע ווילדע קלאַנגען קעגן אונדז, קאָן ער זיך אָבער, ווי אַ סוחר, נישט אויסשטעלן צו דער סכנה רואינירט צו ווערן דורך אַ שטילן באָיקאָט.

ביי אַזעלכע אומשטענדן האָבן מיר געמוזט אויפגעבן דעם געדאַנק וועגן אַן עפנטלעכער פייערונג און זיך צופרידנשטעלן מיטן אַרויסגעבן אונדזער ספּעציעלן

נומער, קעגן וועלכן ס'איז נישט געווען גאַרנישט וואָס אויסצוזעצן לויט דער רייכקייט פון זייך אינהאַלט. און בעת די חברים אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ, מאָנט־רעאַל, טאָראָנטאָ, פּאַריז, קייפּטאָון, בוענאָס־איירעס און אַנדערע שטעט האָבן געקאָנט פייערן די 25 יעריקע עקזיסטענץ פון אונדזער בלאַט, זיינען מיר אין לאָנדאָן געווען געצוווּנגען זיך צונויפצוטרעפן אין אַ קליינער אכסניה אין אַלדגאַט, ווו ס'איז געווען פּלאַץ בלויז פאַרן נאָענטסטן קרייז פון אונדזערע חברים. פונדעסטוועגן איז יענער אָוונט, וועלכן אונדזער חבר ש. לינדער האָט אַזוי אָנשוילעך באַשריבן אינעם „אַרבייטער־פריינד", געווען איינער פון די שענסטע, וועלכן מיר האָבן דורכגעלעבט. די שטימונג אין יענעם ענגן קרייז, וועלכער האָט אַרומגענומען אפשר הונדערט מענטשן, איז געווען אַזאַ האַרציקע און באַהויכט מיט אַזאַ נשמהדיקער וואַרעמקייט, אַז נאָך ביז צום היינטיקן טאָג פיל איך עס. ס'האָט אויסגעזען, גלייך ווי די אידיאָטישע העצע און די סכנה, וועלכע האָט דעמאָלסט באַדראָט אונדזער גאַנצע באַוועגונג, האָט די חברים נאָך נעענטער, נאָך ענגער צונויפגענומען. נאָר אין אַזעלכע צייטן איז מען אימשטאַנד ווי געהעריק אָפּצושאַצן דעם מאָראַלישן כוח פון אַ באַוועגונג.

די געשעענישן אין סידני־סטריט האָבן דער פּרעסע באַנייס געגעבן אַ געלעגנהייט פאַר פאַרשידענע קאָמענטאַרן. אין די געלע בלעטער איז נאַטירלעך גוט אויסגענוצט געוואָרן דער אומשטאַנד, וואָס מוראַנזעף, פריץ און דער אַזוי שטאַרק אַרומגעזוכטער און קיינמאָל נישט געפונענער פּיטער דהע פּיינטער זיינען געווען לעטן, וואָלט מען אָנגענומען פאַר מזומן געלט דאָס גאַנצע טיפּשות, וואָס איז דעמאָלסט, יעדן טאָג, געזאָגט געוואָרן, וואָלט מען בפירוש געמוזט אָננעמען, אַז דאָס לעטישע פאָלק באַשטייט אינגאַנצן פון איבערפאַלער און פּראָפעסיאָנעלע פאַרברעכער. אין אייניקע רוסישע און ענגלישע צייטונגען איז מוראַנזעף באַצייכנט געוואָרן ווי אַ פאַרדעכטיקער כאַראַקטער, וועלכער האָט מיסתמא געאַרבעט אין הסכם מיט דער רוסישער „אָכראַנאַ", ביכדי צו דעספּרעסטיזשירן די פּאָליטישע פּליטים אין אויסלאַנד. די ענגלישע טאָגצייטונג „דהע סטאַר", האָט געבראַכט אַ לענגערע אינפאָרמאַציע וועגן מוראַנזעפס טועטישן אין רוסלאַנד און אים באַשולדיקט זיך צו האָבן באַטייליקט אין אַ גאַנצער ריי טעראָריסטישע אַקטן און אַזויגערופענע „עקספּראָפּריאַציעס". אַ סך פון זיינע געוועזענע חברים זיינען דערביי אריינגעפאַלן אין די פּאָליצייאישע הענט און פאַרענדיקט זייער לעבן אויף דער תליה, בעת מוראַנזעף האָט תמיד געהאַט געלעגנהייטן זיך באַצייטנס אַרויסצודרייען, וואָס פון דעם איז צו דרינגען, אַז ער האָט געהאַט געהיימע באַציונגען מיט דער „אָכראַנאַ".

מיר האָט זיך אָט־דער געדאַנק קיינמאָל נישט געלייגט אויפן שכל און איך האָב טאַקע דעמאָלט עפנטלעך אַרויסגעזאָגט מיינע ספיקות אינעם „אַרבייטער־פריינד". ס'איז אמת, אַז אַ „שפּיצל־אַגענט" רייצט־אויף אַנדערע צו געוויסע מעשים, בעת ער אַליין איז קיינמאָל נישטאָ דערביי. וועגן מוראַנזעפן קאָן מען דאָס נישט זאָגן. אויב ס'איז ביי יענע טראַגישע געשעענישן אין לאָנדאָן יאָ געווען עמעץ, וועלכער רופט־אַרויס ערנסטן חשד, איז עס דער דעמאָלסט פּלוצים אַזוי שטאַרק באַרימט־געוואָרענער פּיטער דהע פּיינטער, ווועמעס אמתע ראָל ס'איז קיינמאָל נישט אויפ־

געקלערט געוואָרן. די ענגלישע פּאָליציי האָט אים אין די צייטונגען כסדר אַרויס־געשטעלט ווי דעם הויפּטשולדיקן און ס'איז נישט פאראן קיין ספק, אַז סקאָטלאַנד יאַרד האָט מיסתמא געהאַט פאר דעם געוויסע מאָטיוון. אַז פּיטער איז געשטאַנען אין נאָענטע באַציונגען מיט מוראַנזעפן און זיין קרייז, דאָס איז אומאָפּפרעגבאר און ס'איז אויך דורך דער פּאָליציי באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַ גאַנצער שורה עדות. צוויי באַקאַנטע לעטישע רעוואָלוציאָנערן האָבן מיר און אַנדערע צוטרוילעכע חברים דעמאָלט איבערגעגעבן אַזעלכע אויספירלעכע אינטימע ידיעות, אַז יעדער ספק איז געווען אויסגעשלאָסן. לויט זייערע ידיעות איז פּיטער פאַרשוואונדן אין דערזעל־ביקער נאַכט, ווען ס'האָט פּאַסירט די טראַגעדיע אין האונדסדיטש און ער איז גליק־לעך אָנגעקומען אויף יענער זייט פונעם לא מאנש־קאנאל. די רעזולטאַטלאָזע זוכע־ניש פון דער ענגלישער פּאָליציי אים צו געפינען האָט א סך געמאכט גלייבן, אַז פּיטער דהע פיינטער האָט איבערהויפּט נישט עקזיסטירט און אַז ער איז געווען בלויז א מיטאָלאָגישע פיגור. אויך אייניקע ענגלישע צייטונגען האָבן אָפן אַרויס־געזאָגט דעמדאָזיקן געדאַנק. אָבער אָט־די מיינונג איז בפירוש געווען א פאַלשע. פּיטער איז לגמרי נישט געווען קיין געשפּענסט, נייערט א פּערזאָן פון פלייש און בלוט, וועלכער קאָן זיין א מאָטיוו פאר אלערליי השערות. ווי אַזוי ער האָט זיך דעמאָלסט ארויסגעדרייט פונעם אַרעסט, נישט געקוקט אויף די זוכבריוו, וואָס די ענגלישע פּאָליציי האָט דעמאָלסט פונאנדערגעשיקט אין אַלע אייראָפּעישע לענדער, דאָס איז געבליבן זיין סוד. אָבער דאָס, וואָס איז מיט אכט יאָר שפּעטער אָן יעדן ספק פעסטגעשטעלט געוואָרן, איז דער פאַקט, אַז פּיטער דהע פיינטער האָט זיך פּלוצים באַוויזן אין רוסלאנד נאָכן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע און אַז ער איז שפּעטער באַשטימט געוואָרן פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג ווי א באַאמטער פון דער „טשעקא", צו וועמעס באַרימטסטע אַגענטן ער האָט באַלאַנגט *). אויך אונדזער פריינט אלעקסאנדער שאַפּירא, וועלכער האָט געקאָנט פּיטערן פון לאָנדאָן, האָט שפּעטער אין רוסלאַנד געהאַט די געלעגנהייט זיך אָנצוטרעפן מיט דעם אַמאָל פון דער לאָנדאָנער פּאָליציי אַזוי שטאַרק געזוכטן „פּיטער", ווי אַן איינפלוסרייכן אַגענט פון דער טשעקא. דאָס לעבן מאכט אָפטע מאָדנע שפּאַסן.

צוויי חדשים נאָך דער גאַסנשלאַכט אין סידניי־סטריט איז פאַרענדיקט געוואָרן

---

*) אָט־דער פאקט האָט שפּעטער באַוויזן רודאלף גראָסמאַנען (פּיער ראַמוס) אוועקצו־שטעלן די גראָטעסקע באַהויפּטונג אין זיין בלאַט „ערקענטניס אונד בעפרייונג", אַז „פּיטער דהי פיינטער" און זיגפריד נאַכט זיינען איין און דיזעלביקע פּערזאָן. אַזוי ווי מיר האָבן געוווּסט מיט זיכערקייט, אַז נאַכט איז קיינמאָל נישט געווען אין רוסלאַנד, האָבן מיר פאַר־עפנטלעכט אויף דער איניציאַטיוו פון מיין פריינט מאַקס נעטלאַו אין בערלינער „סינדיקאַ־ליסט" אַן אַנטשפּרעכנדיקע דערקלערונג, וועלכע איז געווען אונטערגעשריבן פון נעטלאַו, מאַלאַטעסטאַ און פון מיר און איז אויך געווען איבערגעדרוקט פון אַנדערע בלעטער. און נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אויך אונדזער אלטער פריינט הערי קעלי, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געוווינט מיט נאַכטן אין דערזעלביקער שטאָט און דעריבער געוווּסט בעסער ווי יעדער אַנדערער דעם אמת וועגן דעם, האָט באַשטעטיקט אונדזער דערקלערונג אין אלע אירע פונקטן, פונדעסטוועגן האָט גראָסמאַן געפּרוווט אָנהאַלטן זיין פון פינגער אויסגעזויגענע באַהויפּטונג, וועלכע איז צו דערקלערן בלויז מיט זיין פערזענלעכער שינאה קעגן נאַכטן.

די אונטערזוכונג קעגן די פיר אָנגעקלאָגטע אין דער האַנדסדיטש־אָפּערע און דער פּראָצעס איז באַשטימט געוואָרן אויף מאַי. די אָרגאַניזאַציע פון די לעטישע סאָצ־אַל־דעמאָקראַטן אין לאָנדאָן האָט אויף זיך גענומען די געריכטלעכע פאַרטיידיקונג פון די צוויי אָנגעקלאָגטע פּעטערס און דובאָוו, וועלכע האָבן באַלאַנגט צו דער פּאַרטיי. אויף דער דריטער אָנגעקלאָגטער, ראָזען, האָט שוין געהאַט א יורידישע פּאַרטיי־דיקונג. נאָר מיט נינא וואַסילעוואַ, וועלכע האָט נישט באַלאַנגט צו קיין שום פּאַרטיי, האָט זיך קיינער נישט אינטערעסירט. בלויז א קליינע צאָל פון אונדזערע חברים האָבן זי געקענט, ווייל זי פלעגט בלויז זעלטן־ווען קומען צו אונדזערע פאַרזאַמ־לונגען אין קלוב, פּונקט ווי א סך אַנדערע. פון די צייטונגס־ידיעות האָט מען גע־קאָנט זען, אַז קעגן איר איז נישט פאַראַן קיין שום אַנדערע באַשולדיקונג ווי נאָר דאָס, אַז זי האָט געהאַט באַציונגען מיט מוראַנזעפּן. אין דער צווישנצייט זיינען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז ער האָט געהאַט באַציונגען אויך מיט אַנדערע פרויען, אַזוי אַז מ׳האָט זיך געקאָנט משער זיין, אַז ער האָט אויך נינאַס צוטרוי אויסגענוצט אויף אַ פאַלשן אופן, פּונקט ווי מאַלאַטעסטאַס. אַזוי ווי פונעם אויסגאַנג פונעם פּראָצעס איז געווען שטאַרק אָפּהענגיק די שפּעטערדיקע לאַגע פון די פּאָליטישע פּליטים, האָבן מיר אין אונדזער קרייז אָפט גערעדט וועגן איר פאַל און מיר האָבן פאַרשטאַ־נען, אַז מ׳טאָר זי נישט איבערלאָזן אָן אַ פּאַרטיידיקונג. מיין פרוי האָט זיך דעריבער אָנגעבאָטן זיך מיט איר צו זען אין תפיסה, ביכדי פון איר פּערזענלעך געוווּיר צו ווערן, וואָס מיר קאָנען טאָן פאַר איר.

ווען זי האָט אַזוי אומדערוואַרט דערזען מילין פאַר זיך, איז זי געוואָרן ווי פאַר־שטיינערט און אויסגעבראָכן אין אַ קראַמפּהאַפטיק געוויין. דערנאָך האָט זי אַ זאָג־געטאָן מיט אַ ציטערנדיקן קול: „איר, מילי, קומט צו מיר? איר? נו. אויב אַזוי בין איך דאָך נישט פאַרלאָזן פון דער גאַנצער וועלט!“

נאָכדעם ווי מילי האָט זי באַרואיקט און איר געלאָזט וויסן וועגן צוועק פון איר וויזיט, האָט איר נינאַ דערציילט, אַז אַ יונגער ענגלישער אַדוואָקאַט אַ ז געקומען צו איר מיט אייניקע טעג צוריק און זיך אָנגעבאָטן איבערצונעמען גאַנץ אומזיסט איר פּאַרטיידיקונג. אַזוי אַרום איז דער עינין געווען דערליידיקט פאַר אונדז און מיר זיינען געווען שטאַרק צופרידן, וואָס אָט־דער עינין האָט דערמיט געפונען זיין לייזונג.

דער פּראָצעס האָט געדויערט פולע עלף טעג, אָבער קיין סך נייעס האָט ער נישט אַרויסגעבראַכט. פון די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען איז געווען אַרויסצוזען, אַז די פּאָ־ליציי האָט זיך שטאַרק באַמיט צו געפינען וועלכע ס׳איז שייכותן צווישן יענע גע־שעענישן און באַשטימטע פּאָליטישע ריכטונגען, אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין מזל דערמיט. ס׳איז אַזוי אַרום דייטלעך באַוויזן געוואָרן, אַז דאָס גאַנצע היסטערישע גע־שריי וועגן די מיכלומרשטע שייכותן צווישן יענע געשעענישן מיט דער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג איז געווען נישט מער ווי אַן אויסגעטראַכטע מעשה, פאַר וועל־כער מ׳האָט נישט געקאָנט ברענגען אַפילו קיין שאָטן פון א באַווייז. די גאַנצע העצע איז אָנגעפירט געוואָרן פון רעאַקציאָנערע פּענקנעכט, ביכדי די טיפּשים צו פירן ביי דער נאָז און שאַפן אין דער עפנטלעכער מיינונג אַ שטימונג פאַר דער אָפּשאַפונג

פונעם אזילרעכט. דובאוו, פעטערס און ראזען, קעגן וועמען ס׳איז פאקטיש געווען גארנישט מער ווי דאס, אז זיי האבן זיך פערזענלעך געקענט מיט מוראנזעפן און פריצן, זיינען נאך א קורצער בעראטונג פון די געשווירענע באפרייט געווארן און תיכף ארויסגעלאזט געווארן פון תפיסה. בלויז נינא וואסילעווא איז פארמשפט געווארן צו צוויי יאר תפיסה, הגם מ׳האט אויך איר נישט געהאט עפעס אנדערש פארצווארפן ווי נאר דאס, אז זי האט געפירט א ליבע מיט מוראנזעפן, און פון דעם האט מען מיסתמא ארויסגעדרונגען, אז זי האט געוווסט וועגן זיינע פלענער און אפשר אויך דירעקט געווען באטייליקט אין זיי. אבער פאר אזא השערה האט מען דאך געמוזט ברענגען באווייזן, ביפרט וואס נינא האט כסדר פעסט געלייקנט, אז זי האט געוווסט וועגן עפעס און ס׳איז געווען שווער צו גלייבן, אז אזא אין זיך פארשלאסענער מענטש ווי מוראנזעף זאל געווען האבן געהאט צוטרוי צו א פרוי בלויז דערפאר, ווייל זי האט מיט אים געהאט אינטימע באציונגען. דער מישפט גופא באווייזט, אז די ריכטער אליין זיינען אין דעם פונקט נישט געווען זיכער ביי זיך, ווייל וואלטן זיי אינדעראמתן געווען איבערצייגט, אז נינא איז געווען באטייליקט אין די געשעענישן אין האונדסדיטש, טא איז די שטראף, וואס מ׳האט איר געגעבן, באמת געווען צו מילד און כימעט אומבאגרייפלעך. אויב אבער מ׳האט קעגן איר נישט געקאנט באווייזן קיין שום באטייליקונג, איז דער מישפט געווען אומגערעכט און זינלאז.

ס׳האט זיך טאקע באלד ארויסגעוויזן, אז עפעס איז דא נישט געווען אין אר־דענונג און אז אינדערשטיל, אין באהעלטעניש, קומען־פאר זאכן, וועגן וועלכע די עפנטלעכקייט איז קיינמאל גאר נישט געוווּיר געווארן. דריי אדער פיר חדשים נאך איר פארמישפט ווערן, איז נינא וואסילעווא פלוצים באפרייט געווארן, א פאל, וועל־כען פאסירט אין ענגלאנד זייער זעלטן און איז נאך וויכטיקער ספּעציעל דערפאר, וואס ס׳האנדלט זיך וועגן א פרעמדער; און אויסלענדער זיינען אין יענער צייט נישט גע־ווען קיין שטארק אנגעלייגטע געסט, ווי מ׳קאן זיך דאס לייכט פארשטעלן. וועגן דער סיבה פון איר פלוצימדיקער באפרייונג האט מען נינאן נישט געגעבן קיין שום אינ־פארמאציע; מ׳האט איר בלויז געזאגט, אז מ׳האט איר געשענקט די שטראף. נינא האט זיך קודם־כל געווענדט צו די מענטשן, ביי וועמען זי האט פריער געוווינט, מחמת זי האט נישט געהאט אפילו קיין איין פעני אין קעשענע; אבער זיי האבן איר געוויזן די טיר. איז זי אוועק צו א סך פון אירע פריערדיקע רוסישע באקאנטע, אבער מ׳האט זיך אומעטום אומגעקערט מיט די פלייצעס צו איר און איר געלאזט פילן, אז זי איז א נישט־אנגעלייגטער גאסט. נאך דער חדשים־לאנגער ווילדער און וויסטער העצע זיינען די מענטשן געווארן אפּגעשראקן און גערעכנט, אז זיי שטעלן זיך אויס צו א סכנה, אויב זיי האלטן־אן באציונגען מיט מענטשן, וועלכע זיינען געווען פאר־וויקלט אין יענע אומגליקלעכע פאסירונגען, ווען אפילו נישט דורך זייער אייגענער שולדיקייט. ווי דאס פאסירט אזוי אפט, איז אויך אין דעם פאל די קרענקלעכע מורא געווען שטארקער ווי דאס געפיל פון מענטשלעכקייט.

אזוי ווי נינא איז געווען אינגאנצן אן מיטלען און אן א דאך איבערן קאפ, האט זי זיך נישט געקאנט קיין עצה געבן און איז געקומען צו אונדז. מיר האבן פריער

מיט איר קיינמאָל נישט געהאַט קיין פּערזענלעכע באַציונגען; ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי האָט געשטעלט איר פוס אויף אונדזער שוועל. וואָלט זי מילי נישט געווען געהאַט באַזוכט אין תפיסה, וואָלט זי זיכער נישט געווען געהאַט קיין מוט צו קומען צו אונדז און ביי אונדז זוכן שוץ. זי איז געווען שטאַרק דער־שלאָגן און פון איר פּנים האָט מען געקאָנט אַראָפּלייענען, אַז די דערפאַרונגען, וועלכע זי האָט אין משך פון טאָג געהאַט, האָבן זי נאָך מער דערשלאָגן. מיר האָבן גוט פאַרשטאַנען איר לאַגע און איר תיכף געזאָגט, אַז זי קאָן דערווייל בלייבן ביי אונדז, ביז זי וועט באַקומען אַרבעט און קאָנען דינגען אַ צימער פאַר זיך. זי איז געווען מער ווי דאַנקבאַר פאַר אונדזער גרייטווייליקייט און איז געבליבן כימעט אַ חודש ביי אונדז, ביז זי האָט לסוף באַקומען אַ באַשעפטיקונג און איז מער נישט געווען אָנגע־וויזן אויף אונדזער הילף. בעת דער צייט, וואָס זי איז געווען ביי אונדז, האָבן מיר אָפט גערעדט וועגן איר פאַל, אָבער זי האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן ביים איריקן, אַז זי האָט נישט געהאַט אפילו די מינדסטע אַנונג וועגן מוראַנזעפּס פּלענער. נינאַ איז געווען אַן אינטעליגענט מיידל און איר רואיקער און באַשיידענער כאַראַקטער האָט אונדז קיינמאָל נישט געגעבן קיין שום מאָטיוו צו צווייפלען אינעם אמת פון אירע ווערטער.

ס'איז געווען אַ חידוש, וואָס די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט נישט אויפגעהויבן אַ געוואַלט קעגן איר באַפרייונג, ווי מ'האָט זיך געמעגט ריכטן, לויט די פריערדיקע דערפאַרונגען. אַנשטאָט דעם האָט זי זיך דאָס מאָל באַנוגנט מיטן בלויזן פאַרצייכענען דעם פאַקט. אייניקע ליבעראַלע צייטונגען האָבן אפילו געשריבן גאַנץ אָפן, אַז דער מאָטיוו פון נינאַ וואַסילעוואַס באַפרייונג דאַרף דערקלערט ווערן מיטן פּשוטן געפיל פאַר יושר מיצד די אויטאָריטעטן, וועלכע האָבן מיסתמא איינגעזען, אַז אַ ליבע־פאַר־העלטעניש צווישן צוויי פּערזאָנען איז נישט קיין שום באַשטראָפּבאַרע האַנדלונג, כל־זמן עס זיינען אין דעם נישט פאַראַן קיין שום אַנדערע מאָטיוון. דערמיט זיינען ענדגילטיק פאַרענדיקט געוואָרן די טראַגישע געשעענישן פון יענער צייט, וועלכע האָבן דערפירט צו אַזאַ גרונטלאָזער העצע קעגן די פּאָליטישע פּליטים און פאַרענ־דיקט האָבן זיי זיך אויף אַזאַ אופן, אַז זיי האָבן דער ענגלישער יוסטיץ נישט אָנגעטאָן קיין חרפּה. ווייל איך חזר נאָכאַמאָל איבער, אַז אין יעדן אַנדערן לאַנד וואָלטן אָט־די עיניינים געווען באַקומען אַן אַנדערע ווענדונג, אַ ווענדונג, וועמעס רעזולטאַטן קיי־נער איז נישט אימשטאַנד פאָרויסצוזען.

פונדעסטוועגן האָט דאָך אָבער דער סוף פונעם פּראָצעס אין דער האַונדסדיטש־אַפּערע געמוזט האָבן אַ טרויעריקן נאָכשפּיל, צו וועלכן נישט די פּאָליציי און נישט דאָס געריכט האָבן יעדנפאַלס געגעבן אַ מאָטיוו. דעם 13טן מאַי 1911 האָט „דזשאַס־טיס", דער אָרגאַן פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי, געבראַכט אַ נישט־אונטערגעשריבענעם אַרטיקל, וועמעס אומבאַקאַנטער מחבר האָט גענומען די געשע־ענישן אין האַונדסדיטש און סידני־סטריט ווי אַ תירוץ, ביכדי אויסצוגיסן אַן אמתן מבול פון די ערגסטע אומזיניקייטן און מיאוסטע רכילות אויף די אַנאַרכיסטן. וואָלט

זיך דאָ געווען געהאַנדלט וועגן בייזווילליקע צעקרומונגען און פון די שוין טראַדיציאָ־נעלע צעדרייאונגען פון אונדזערע אידעען, וואָלט אפילו נישט געלוינט צו פאַרלירן קיין רייד וועגן דעם, מחמת צו אַזאַ „לייטזעליקייט״ פון יענעם צד זיינען מיר שוין פון לאַנג צוגעוווינט. אָבער דער גיפטיקער אַרויספאַר פון „דזשאָסטיס״ איז דאָס מאָל אַרויס פון די געוויינלעכע גרענעצן; דאָס מאָל האָט מען זיך אין יענעם צד נישט באַנוגנט בלויז מיט אַן אייגנוויליקער צעדרייאונג פון די פאַקטן, נאָר צווישן אַנדערע זאַכן איז מען דערגאַנגען צו אָט־דער שענדלעכקייט:

„נישט אַלע ווייסן דאָך, אַז עמאַ גאָלדמאַן שטייט אין דינסט פון דער פּאָליציי, פון וועמען זי באַקומט באַצאָלט. אָבער אָט־דער עינין איז לעצטנס אויפגעדעקט געוואָרן. אַ גע־ווּיסע צייט איז זי געשטאַנען אין דינסט פונעם הער א. ע. אָלאַראַווסקי, דעם פאַרשטייער פון דער רוסישער געהיימפּאָליציי אין סאַן פראַנציסקאָ, וועלכער האָט זי באַשעפטיקט ווי אַן אַגענט און שפּיאָן״.

קיין שום באַוויַז פאַר אָט־דער מאָנסטרועזער באַשולדיקונג איז נישט געבראַכט געוואָרן. הפּנים, אַז דער שרייבער פון דעמדאָזיקן שענדלעכן חשד האָט געמיינט, אַז מ׳וועט אים גלייבן אויפן וואָרט. נאָך היינט איז מיר אומפאַרשטענדלעך, ווי אַזוי אפילו אַזאַ פאַנאַטישער און פאַרביסענער קעגנער פון די אַנאַרכיסטן ווי דאָס איז שטענדיק געווען דער רעדאַקטאָר פון דער „דזשאָסטיס״, הער קוועלטש, האָט גע־קאָנט צונויפברענגען אַזויפיל געוויסנלאָזיקייט צו געבן פּלאַץ אין זיין צייטונג פאַר אַזאַ שענדלעכער רכילות. איך בין פעסט איבערצייגט, אַז וואָלט זיך אין דעם פאַל נישט געווען געהאַנדלט וועגן דער אַנאַרכיסטקע עמאַ גאָלדמאַן, וואָלט הער קוועלטש בשום אופן נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט מיט אַזאַ שענדלעכן ליגן, מחמת ער האָט גוט געוווּסט, וואָס אים קאָן דערוואַרטן, ווען אַזאַ עינין זאָל צוגעטראָגן ווערן צום ענגלישן געריכט. אָבער אַזוי ווי ער האָט גוט גע־ווּוסט, אַז אויפן סמך פון איר אַנשויונג וועט אים עמאַ גאָלדמאַן קיינמאָל נישט אָנקלאָגן פאַרן געריכט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער מעג זיך נעמען די חוצפה צו באַשמוצן דעם כבוד פון אַ פרוי, וועלכע האָט אין משך פון איר גאַנץ לעבן געדינט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. און טאַקע אין דעם האָט זיך אויסגעדריקט די אומדערהערטע געמיינהייט פון זיין האַנדלונג. ער האָט קאַלטבלוטיק אַרויסגעלאָזט אַן אומבאַגרינדעטע, אַ גרונדלאָזע רכילות פּשוט דערפאַר, ווייל ער האָט דערביי פאַר גאָרנישט געדאַרפט מורא האָבן. אַזאַ אויפפיר איז נישט נאָר געווען געוויסנלאָז און נידערטרעכטיק, נייערט אויך אומדערהערט פחדנותדיק און אַרויסגעוויזן די נע־בעכדיקייט פון זיין כאַראַקטער, וועלכן קיין שום פאַנאַטיזם איז נישט אימשטאַנד צו פאַרענטפערן. אויך דער אומשטאַנד, וואָס קוועלטש האָט פאַר זיינע שענדלעכע אָנצוהערענישן פונקט אויסגעקליבן די צייט, ווען די גאַנצע רעאַקציאָנערע באַנדע האָט זיך פאַרלייגט אויף די אַנאַרכיסטן און אויפן אַזילרעכט, דאָס אַליין איז שוין דער בעסטער באַוויַז פאַר דער גאַנצער נידעריקייט פון זיין אָריענטאַציע. ער האָט מיסתּמא גערעכנט, אַז ס׳וועט זיך ביי די דעמאָלטיקע אומשטענדן קיינער נישט

אומקוקן אויף זיין אַרויסטרעטונג און וואָס שייך די אומפאַרמיידלעכע פּראָטעסטן פון די אַנאַרכיסטן, האָט ער גערעכנט צו קאָנען זיי אינגאַנצן איגנאָרירן.

אָבער פונדעסטוועגן איז די זאַך נישט געווען אַזוי פּשוט ווי ער האָט געמיינט, ווייל זי האָט געמאַכט פיל מער אויפזען ווי ער האָט זיך עס פאָרגעשטעלט. אונדזערע חברים פון דער „פרידאָם־גרופּע" האָבן תיכּף צוגעשיקט אַ קורצע דערקלערונג צו דער „דזשאָסטיס", וועלכע איז געווען אונטערגעשריבן פון דזשאָן טוירנער, א. מאַרש און ט. ה. קיל און איז אין שאַרפקייט גאָרנישט געבליבן הינטערשטעליק. די „דזשאָסטיס" האָט אָפּגעדרוקט דידאָזיקע דערקלערונג אין איר נומער פון 20סטן מאַי צוזאַמען מיט אַ באַמערקונג פון דער רעדאַקציע, אַז איר באַשולדיקונג שטיצט זיך אויף דער „זיכערסטער קוועלע". לכל־הדעות האָט מען זיך בכיוון געהיט צו דערמאָנען דידאָזיקע „קוועלע" און זיך באַנוגנט מיט דעם, איבערצופלאַפּלען פאַר די לייענער די שוין לאַנג אויסגעדראָשענע מעשה וועגן די מכלומרשטע באַציונגען צווישן די אַנאַרכיסטן מיט דער פּאָליציי, וועלכע האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער באַהויפּטונג, אַז „אָפּגעזען פון ווייניק אויסנאַמען זיינען די אַנאַרכיסטן אָדער אַגענטן פון דער פּאָליציי אָדער ווערן פון איר געפירט ביי דער נאָז".

באַלד נאָכדעם האָט דזשאָן טוירנער געבראַכט דעמדאָזיקן עינין צו אַ זיצונג פונעם 1טן מאַי־קאָמיטעט*) און ס'איז געלונגען צו פּועלן, אַז אָט־די קערפּערשאַפט זאָל אָננעמען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס ווערט דערקלערט, אַז דער אַרויסגעלאָזטער חשד קעגן עמאַ גאָלדמאַן אין „דזשאָסטיס" איז נישט גערעכטפאַרטיקט, ווייל די רעדאַקציע האָט נישט אָנגעגעבן נישט קיין גענוגנדיקע סיבות און אויך נישט קיין שום אַנדערע באַווייזן פאַר אַזאַ שווערער באַשולדיקונג. אויב די רעדאַקציע האָט יאָ אַזעלכע באַווייזן ביי זיך, האָט דער קאָמיטעט געפאָדערט, אַז די אַרויסגעבער פון „דזשאָסטיס" זאָל זיי תיכּף באַקאַנט מאַכן אין דער עפנטלעכקייט.

פאַרשטייט זיך, אַז קוועלטש האָט נישט געקאָנט נעגירן אויפצונעמען אָט־די רעזאָלוציע, וועלכע איז פאַר אים געווען גאָר באַזונדערס פּריקרע דערפאַר, וואָס זיינע אייגענע חברים לדעה האָבן פאַר איר געשטימט. דידאָזיקע רעזאָלוציע איז טאַקע פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער „דזשאָסטיס" דעם 27סטן מאַי, אָבער פאַר זיין רעכטפאַרטיקונג האָט קוועלטש אַוועקגעשטעלט פאַר איר אָט־די שורות פונעם אומבאַקאַנטן אַרטיקלשרייבער:

„חשובער חבר: מיין אינפאָרמאַציע וועגן עמאַ גאָלדמאַן שטיצט זיך אויף אַ באַשטימטער דערקלערונג, וועלכע איז אין מיין אָנוועזנהייט געמאַכט געוואָרן פּערזענלעך מיצד דעם הער א. ע. אָלאַראָווסקי, ברידערלעך אייער אינפאָרמאַנט".

מיר האָבן נישט געוואָלט גלייבן אונדזערע אייגענע אויגן, ווען מיר האָבן דאָס

---

*) דער דאָזיקער קאָמיטעט איז געווען צונויפגעשטעלט פון פאָרשטייער פון פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און סאָציאַליסטישע גרופּן און זיין אויפגאַבע איז געווען צו אָרגאַניזירן די עפנטלעכע 1טע מאַי־דעמאָנסטראַציעס. אויך די אַנאַרכיסטן זיינען דאָרט געווען פאָרטראָטן דורך צוויי דעלעגאַטן. דער גרויסער רוב פונעם קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון מיטגלידער פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער און אומאָפּהענגיקער לייבאָר־פּאַרטיי.

געלייענט. אָט־די באַרימטע דערקלערונג פון עפּעס אַן אַנאָנימען מנוול האָט יענעם עינין געמאַכט נישט בלויז נאָך פיל טונקעלער, זי האָט אויך דעם חשובן קוועלטש אַוועקגעשטעלט אין אַזאַ ליכט, אַז ס׳האָט כימעט געקאָנט אַרומנעמען אַ רחמנות צו אים. ווייל יעדער אָביעקטיווער מענטש האָט זיך דאָך אַזוי אַרום געקאָנט אַוועקשטעלן די פראַגע, וואָס פאַראַ שייכות ער האָט מיט יענעם באַרימטן אומבאַקאַנטן, וועלכער איז געווען אַזאַ גוטער ברודער מיטן פאַרטרעטער פון דער רוסישער „אָכראַנאַ״, אַז ער, דער הער אָלאַראָווסקי, האָט נישט געהאַט קיין אָפּהאַלט אין זיין אַנוועזנהייט צו מאַכן אַזאַ וויכטיקע דערקלערונג. צי האָט מען זיך דאָ נישט געמעגט משער זיין, אַז הערי קוועלטש, וועלכער האָט די אַנאַרכיסטן געמאַכט דעם פאָרוואורף, אַז אינ־וויוויט זיי זיינען לויט זיין מיינונג ערלעך, לאָזן זיי זיך פירן פאַר דער נאָז פון דער פּאָליציי, איז דאָ איצט אַליין געפירט געוואָרן ביי דער נאָז פון אַ פּאָליציי־אַגענט?

תיכף נאָך אָט־דעם מער ווי משונה־מאָדנע מודה זיין זיך האָט דזשאָן טוירנער צוגעשיקט אַ שאַרפן ענטפער צו „דזשאָסטיס״, וועמעס אומברחמנותדיקע לאָגיק האָט אַרויסגעשטעלט די מאָראַלישע ירידה פון יענעם בלאַט אין אַזאַ ליכט, אַז אפילו דער בלינדסטער האָט געמוזט עפענען די אויגן. „איז עס טאַקע, הייסט עס, צום גליק דערגאַנגען אַזוי וויט״, האָט טוירנער געשריבן, „אַז הערי קוועלטש אַליין האָט געמוזט מודה זיין, אַז די באַגלויבטע אויטאָריטעט, אויף וועלכער ער האָט זיך גע־שטיצט, איז נישט געווען קיין אַנדערע ווי די פּערזאָן פון הער א. ע. אָלאַראָווסקי פון דער רוסישער געהיימפּאָליציי אין סאַן פראַנציסקאָ. אין משך פון די אַלע יאָרן, וואָס איך בין אַקטיוו אין דער סאָציאַליסטישער און אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, האָב איך צומאָל נישט געקאָנט חלומען, אַז אפילו פאַר סאָציאַלדעמאָקראַטן און פאַר אַן אַנשטענדיקן מענטשן פון יעדער ריכטונג אין אַלגעמיין קאָן אַ רוסישער פּאָליציי־אַגענט זיין אַ באַגלויבטע אויטאָריטעט אין אַזאַ ערנסטן עינין. אַזאַ אַנטדעקונג איז געווען רעזערווירט בלויז פאַר הער קוועלטש״.

פאַרשטייט זיך, אַז הער קוועלטש האָט נישט געהאַט דעם מוט צו פאַרעפנטלעכן דעם גאַנצן טעקסט פון טוירנערס דערקלערונג. ער האָט זיך בלויז באַנוגנט מיט אייניקע שורות, צו וועלכע ער האָט צוגעגעבן אָט־די כאַראַקטעריסטישע באַמערקונג: „זאָל עס נאָכאַמאָל געזאָגט ווערן, אַז מיר האָבן גאָרנישט צוצוגעבן צו אונדזער באַהויפּטונג אין אָט־דעם עינין. ה׳ טוירנער און ג. ב., וועלכער שרייבט אין זעלביקן טאָן, וואָלטן געקאָנט פאַרשטיין, ווי שווער און ווי זעלטן מעגלעך ס׳איז צו ברענגען באַווייזן אין אַזעלכע עינינים, וועגן וועמעס ריכטיקייט מ׳איז אַליין איבערצייגט, אינוויוויט ס׳קומען אין באַטראַכט די מאַכינאַציעס פון די אַגענטן־פּראָוואָקאַטאָרס אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג״. אָבער ווען אפילו הער קוועלטש האָט געקאָנט אויסבאַהאַלטן טוירנערס דערקלערונג פאַר זיינע לייענער, האָט ער אָבער נישט געקאָנט האָבן דעם מוט נישט צו פאַרעפנטלעכן די פּראָטעסט־דערקלערונגען פון זיין אייגענער פּאַרטיי. אַזוי איז ער געווען געצוווּנגען צו פאַרעפנטלעכן אין זיין בלאַט דעם 17טן יוני די רעזאָלוציע פון איינער פון די אַקטיווסטע און איינפלוסרייכסטע

אָפּטיילן פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין לאָנדאָן, וועלכע האָט געהאַט אָט־דעם טעקסט:

„חשובער חבר: מ'האָט מיר איבערגעגעבן אייך איבערצושיקן אָט־די רעזאָלוציע, וועלכע איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן דעם 9טן יוני אויף אַ פאַרזאַמלונג פונעם באַטערסי־ברענטש: די מיטגלידער פון דעם באַטערסי־ברענטש פון דער ס.ד.פ. זיינען מיט דער מיינונג, אַז דער רעדאַקטאָר פון דער „דזשאַסטיס" האָט נישט געברענגט קיין באַוויז, וועלכער זאָל קאָנען רעכטפאַרטיקן זיין באַשולדיקונג קעגן עמאַ גאָלדמאַן. מיר פּאָדערן דעריבער, אַז ער זאָל פאַרעפנטלעכן דעם נאָמען פון זיין קאָנפידענט אָדער אָן איינזען צוריקציען זיין באַשולדיקונג, ווייל די מיטגלידער פון אונדזער ברענטש פּאַרלאַנגען, אַז די פּאָליטיק פון אונדזער בלאַט זאָל זיין בהסכם מיט זיין נאָמען („דזשאַסטיס"—יוסטיץ—גערעכטיקייט) און זיך נישט אויסדריקן אין אומיוסטיץ. ברידערלעך: ד. קאַרמישעל".

אויך צו אָט־דער דערקלערונג האָט קוועלטש צוגעקלאַפּט אַ גאָרנישט־זאָגנדיקע פּאַדקאָווע פון דער רעדאַקציע, וועלכע האָט בולט אַנגעוויזן אויף דער פאַרלעגנהייט זיינער. ווי גרויס ס'איז געווען זיין פאַרלעגנהייט, איז אויך געווען אַרויסצוזען פון אַן ענטפער אינעם בריוועקאַסטן פון זיין בלאַט דעם 24סטן יוני, וועלכער וואַרפט אַ כאַראַקטעריסטיש ליכט אויף די פּרינציפּן פון גערעכטיקייט פון אָט־דעם יעזואיטישן אינטריגאַנט: „עדוואַרד בריטען: אוודאי וועט די עפנטלעכקייט דערגיין צו אירע אייגענע אויספירן וועגן דעם, וואָס מיר האָבן געהאַט צו זאָגן וועגן עמאַ גאָלדמאַן. מער פאַר־לאַנגען מיר דאָך נישט. מיר פאָרמולירן נישט קיין באַשולדיקונג קעגן דער דאַמע; מיר מאַכן בלויז אַ דערקלערונג, וועגן וועמעס ריכטיקייט מיר האָבן נישט דעם מינדסטן ספק. אונדזער באַהויפּטונג מוז רעדן פאַר זיך אַליין און יעדער איינער מעג יאָ אָדער נישט גלייבן אין איר, ווי עס געפעלט אים בעסער".

דעם 8טן יולי איז קוועלטש ווידער געווען געצוווּנגען אָפּצודרוקן אַ שאַרפן פּראָ־טעסט פון אַמעריקע, וועלכער איז געווען אונטערגעשריבן פון 25 פון די באַרימטסטע פאָרשטייער פון דער ראַדיקאַלער באַוועגונג פון אַלע ריכטונגען אין לאַנד. כימעט אַלע אונטערגעשריבענע זיינען געווען אָנגעזעענע ליטעראַטן, זשורנאַליסטן, רעדנער, אַדוואָ־קאַטן אָדער רעדאַקטאָרן פון באַקאַנטע צייטונגען, וועלכע האָבן געקענט פּערזענלעך עמאַ גאָלדמאַן פון זינט אַ סך יאָרן און פון אייגענער דערפאַרונג געוווּסט, מיט וואָס פאַראַ געטרייקייט און איבערגעגעבנקייט דידאָזיקע אומדערשראָקענע פרוי האָט געדינט איר אידעאַל און דערפאַר געהאַט אויסצושטיין גאַנץ אָפט תפיסה, פאַרפאָלגונגען און אַלע אַנ־דערע צרות און יסורים. קוועלטש האָט אָפּגעדרוקט דעמדאָזיקן פּראָטעסט, מחמת ער האָט, קענטיק, נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, אָבער ער האָט זיך באַמיט אָפּצופּיילן די שאַרפקייט פון איר ווירקונג דערמיט, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט בלויז פיר נעמען פון די אַלע אונטערגעשריבענע. אפנים, אַז זיין שווער געמיט האָט אים געגעבן אָנצו־הערן, אַז סוף־כל־סוף וועלן אפילו זיינע בלינדסטע אָנהענגער זיך כאַפּן וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך, ווען זיי וועלן זען אַזויפיל פון די באַקאַנטסטע און אָנגעזעענסטע נעמען פונעם לאַגער פון אַמעריקאַנישן ראַדיקאַליזם, צווישן זיי פון אַזלכע מענער און פרויען ווי ל. ד. אבבאט, א. בערקמאַן, ה. האפּגוט, באָלטאָן האָל, דזש. מאָרטאָן, ראָזע פּאַסטאָר

סטאַק ה. קעלי, ט. ה. שרעדער, ע. ס. וואַלקער, וואַלטערין דע קלעיר אאַ״וו. אפילו אַט־די דערקלערונג האָט ער באַנוצט, ביכדי אויך אויף איר אַוועקצושטעלן אַ קרוין פאַר זיין שענדלעכקייט דערמיט, וואָס ער האָט צו איר צוגעגעבן אַט־די כימעט אומגלויב־לעכע באַמערקונג פון דער רעדאַקציע:

„מיר פאַרעפנטלעכן דעמדאָזיקן פראָטעסט צוליב דרך־ארץ פאַר אייניקע פון די אונטער־געשריבענע. פונדעסטוועגן איז ער גיכער אַן אויסדרוק פון זייער געפיל ווי פון זייער שכל. אָבער אַלע פראָטעסטן פון דער וועלט קאָנען מיט גאָר נישט ענדערן דעם אמת פון דעם. וואָס מיר האָבן אַרויסגעבראַכט. די אונטערגעשריבענע דערקלערן, אַז אין אונדזער באַשולדיקונג איז נישט פאַראַן אפילו קיין קערנדל פון אמת. פון וואַנען ווייסן זיי דאָס? זיי טענהן, אַז עמאַ גאָלדמאַן האָט מקריב געווען פאַרן אַנאַרכיסטישן אידעאַל אירע בעסטע יאָרן. אָבער דאָס באַווייזט דאָך גאָרנישט. דאָסזעלביקע קאָן געזאָגט ווערן וועגן יעדן אַנאַרכיסטישן אַגענט, וועלכער האָט אַ ווערט פאַר דער פאָליציי. מיר האָבן בלויז פעסטגעשטעלט דאָס, וואָס מיר האַלטן פאַר אומ־באַדינגט ריכטיק. ווען די אַנאַרכיסטן ווילן אונדז נישט גלייבן, איז דאָס זייער זאַך. אונדז ברענגען זיי דערמיט נישט קיין שאָדן".

ס'איז פאַראַן אַ מדרגה פון מאָראַלישער נידערטרעכטיקייט, וועלכע ס'איז קוים מעגלעך אויסצודריקן דורך ווערטער. אַט־דאָ האָבן מיר פאַר זיך געהאַט אַ מענטשן, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין אָפּהאַלט זיך צו שפּילן מיטן אומבאַפלעקטן כבוד פון אַ פרוי, וועלכע ער האָט מיסתמא קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געזען און וועמעס פערזענלעכע און פּאָליטישע רעכטפאַרטיקייט איז אפילו פון אירע ביטערסטע קעגנער קיינמאָל נישט געשטעלט געוואָרן אין ספק. קוועלטש האָט אַנגעקלאָגט דידאָזיקע פרוי אין די ערגסטע זאַכן, אין וועלכע מ'קאָן איבערהויפּט אָנקלאָגן אַ מענטשן אין זיין פּאָליטישן לעבן, הגם ער האָט נישט געקאָנט ברענגען אפילו קיין שאָטן פון אַ באַווייז פאַר זיין אידיאָטישער באַשולדיקונג. נישט געקוקט אויף אַלע פראָטעסטן, אפילו פון די רייען פון זיין אייגענער פּאַרטיי, האָט ער זיך מיט פּחדנישער פאַר־ביסנקייט געהאַלטן ביי זיין שטאַנדפּונקט און זיך פאַרבאַריקאַדירט הינטער דער מכלומרשטער דערקלערונג פון עפּעס אַן אומבאַקאַנטן רכילותניק, וועלכער האָט אויס־געשאָסן זיינע גיפטיקע פיילן פון הינטערן פּלויט און וועמעס שפּעטערדיקע אַנאָנימע דערקלערונג האָט געמוזט אַרויספירן אויף די ערגסטע השערות. ס'איז אויך שווער צו גלייבן, אַז קוועלטש גופא, ווי ער האָט כסדר איבערגעחזרט, איז געווען איבער־צייגט אינעם אמת פון זיין באַשולדיקונג, ווייל אפילו נאַרישקייט און אידיאָטסטווע האָבן זייערע גרענעצן. ס'איז אפילו נישט אויסגעשלאָסן, אַז די גאַנצע מעשה איז אויסגעפּאַנטאַזירט געוואָרן פון אים אַליין און זיין מכלומרשטער קאָנפידענט איז בלויז געווען דער באַשאַף פון זייער אייגענער דערפינדונג, וועלכער האָט אים בלויז געדאַרפט דינען פאַרן צוועק צו קאָנען נאָך פרייער אָפּלאָזן די לייצעס פון זיין פערזענלעכער נידערטרעכטיקייט. זיין גאַנצער אויפפיר, ווען ער איז אַריינגעטריבן געוואָרן אין אַן ענגן געסל און נישט געוווסט ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען, מוז ברענגען צו אַט־דער מחשבה. אָבער אַן אַ חילוק וואָס פאַראַ מאָטיוון ער האָט

דערבײַ געקאָנט האָבן, זײ װײַזן סײ־װי אָן, ביז צו װעלכער מדרגה בלינדע שינאה און אומקאָנטראָלירטע תאװה צו רכילות קאָן דערפֿירן.

קוועלטש האָט זײַן אומבאַװיזענע באַשולדיקונג קײנמאָל נישט צוריקגעצויגן, װאָס אַזעלכעס קאָן מען בײַ אַ מענטשן פֿון זײַן מין אויך נישט דערוואַרטן. זײַנע שענדלעכע אָנצוהערענישן קעגן עמאַ גאָלדמאַן האָבן איר יעדנפֿאַלס נישט געקאָנט ברענגען קײן שאָדן, מחמת ס׳איז נישט געװען קײנער, װעלכער זאָל האָבן דעם טרויעריקן מוט און אָננעמען װי אַן אמת אַזאַ פּונקט אַזוי נאַרישע װי רישעותדיקע רכילות. הער קוועלטש האָט נאָך שפּעטער געהאַט דורכצומאַכן אײניקע דערפֿאַרונגען, װעלכע האָבן אים באַװיזן, אַז זײַן געמײנער חשד איז געװען אַ בומעראַנג, װעלכער האָט טאַקע נישט דערגרײכט זײַן ציל קעגן עמאַ גאָלדמאַן, אָבער דערפֿאַר נאָך אַזוי ממשותדיקער זיך אומגעקערט צום שיסער, װעלכע האָט אים אַרויסגעשליידערט. דערדאָזיקער מין פּאָליטישע פּאַרגיפֿטיקונג פֿון די ברונימער איז אָבער געװען כאַראַקטעריסטיש, װײַל זי האָט בלויז באַנײַס באַװיזן, אַז קעגן דער נידערטרעכטיקייט איז נאָך דערווײַל נישט פֿאַראַן קײן מיטל. און פֿונדעסטװעגן װאָלט קײנער פֿון אונדז דעמאָלט נישט געװאָלט גלייבן, אַז ס׳האָלט אין אָנקומען אַ צײַט, װען דער ליגן װי אַ צװעק און די רכילות װי אַ מיטל װעלן דינען װי דער צענטער פֿון אַ פּראָפּאַגאַנדע פֿאַרן ברוינעם און רויטן פֿאַשיזם, בכדי אָפּצורוימען פֿון װעג פּאָליטישע קעגנער און זײ מאַכן רײַף פֿאַר דער ליקווידאַציע.

# דער גרויסער שטרייק

דאָס יאָר 1912 האָט פאַר די יידישע אַרבעטער אין ענגלאַנד און באַזונדערס אין לאָנדאָן אַ גאָר ספּעציעלן באַדייט. די אומדערמידלעכע און אומאויפהעריקע פּראָפּאַגאַנדע פון די לעצטע יאָרן קעגן דעם פאַרהאַסטן „שוויצסיסטעם" האָט באַקומען אַזאַ פאַרנעם, וואָס מ'האָט נאָך אויף דער לאָנדאָנער איסט־ענד פריער קיינמאָל נישט געזען. די שטימונג פון די אַרבעטער איז געווען אַנגעלאָדן מיט דערוואַרטונגען אויף קומענדיקע געשעענישן. מ'האָט בפירוש געפילט, ווי די צייט ווערט אַלץ רייפער פאַר אַן ענדגילטיקן קאַמף קעגן די שענדלעכע פאָרמען פון מענטשלעכער עקספּלואַטאַציע. עפּעס אַ צופעליק געשעעניש ערגעץ־ווו קאָן לאָזן אין גאַנג דעם שווערן שטיין, און ער זאָל זיך אָנהייבן קייקלען. אַזאַ געשעעניש איז זיך טאַקע פאַרלאָפן און דווקא דעמאָלט, ווען מיר האָבן עס צום ווייניקסטן דערוואַרט. ווען מיר האָבן זיך צום ווייניקסטן דערויף געריכט און אויך נישט געהאַט געמאַכט קיין שום צוגרייטן דערצו.

אין אַפּריל 1912 איז אין דער לאָנדאָנער מערב־זייט אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרייק אין דער באַקלייד־אינדוסטריע, וועלכער איז גאָר אינגיכן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די פאַרביטערטסטע קאַמפן פאַר שכירות. דער שטרייק איז אַרויסגערופן געוואָרן פון דער „לאָנדאָן סאָסייטי אָוו טיילאָרס", אָבער ער האָט אינגיכן אָנגעהויבן שטאַרק אונטערשטיצט ווערן פון דער „אמאַלגאַמייטעד סאָסייטי אָוו טיילאָר", הגם די פאַרוואַלטונג פון אָט־דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין האָט זיך קעגן דעם געווערט מיט הענט און פיס. אָבער זי האָט סוף געמוזט שלום מאַכן מיט די פאַקטן, מחמת די אַרבעטערשאַפט פון דער „אמאַלגאַמייטעד" איז נישט געווען וויליק צו פאַראַטן דעם ערשטן פאַריין, וועלכער איז אַרויס אין שטרייק. אַרום 1.500 אַרבעטער זיינען געשטאַנען אין שטרייק, אַלע כימעט גוטע בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן געמאַכט די בעסטע אַרבעט אין דער אינדוסטריע. די שניידער־אַרבעטער פון לאָנדאָנס מערבדיקער טייל זיינען געווען אַן אינטערנאַציאָנאַל פאָלק. נעבן די ענגלענדער איז געווען אַ גרויסע צאָל דייטשן, טשעכן, פראַנצויזן, איטאַליענער, סקאַנדינאַווער און אויך אַ קליינע צאָל יידישע אַרבעטער.

זייער אַרבעט איז געווען לגמרי אַנדערש ווי די קאָנפעקציע־שניידעריי אויף דער מיזרח־זייט פון לאָנדאָן, אין וועלכער ס'זיינען געווען באַשעפטיקט כימעט אויסשליסלעך יידישע אַרבעטער. אָבער אין דער צייט פון אַ שטרייק האָבן זיי פונדעסטוועגן געקאָנט ווערן געפערלעך פאַר זייערע פאַך־קאָלעגן אויף דער מערב־זייט,

ביפרט אין יענע ווערקשטאַטן, ווו ס'איז צוגעגרייט געוואָרן אַ ספּעציעלער סאָרט קאָנפעקציע־אַרבעט. אין די אומצאָליקע קליינע וואַרשטאַטלעך אין איסט־ענד איז געווען לחלוטין אוממעגלעך צו קאָנטראָלירן די אַרבעט, ביפרט וואָס דווקא די אָר־גאַניזאַציע פון די מענער־שניידערס און זייערע קרובישע פאַכן האָט נאָך געהאַט געגנוג בלויזן. די קאַסעס פון די יידישע פּראָפאַריינען זיינען שטענדיק געווען ליידיק, ווייל די כסדרדיקע קליינע ראַנגלענישן פאַר שכירות פלעגן פאַרשלינגען אַ מאַסע געלט און די איינצאָלונגען פון די מיטגלידער זיינען קיינמאָל נישט געווען צו הויך, נעמענדיק אין באַטראַכט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרבעטער. זיי זיינען דעריבער נישט געווען צוגעגרייט צו די פאָדערונגען פון אַן אַלגעמיינעם שטרייק, ביפרט אַז ביי אַ גרויסן קאַמף קאָן מען אפילו דעם נישט־אָרגאַניזירטן אַרבעטער נישט אָפּ־זאָגן די שטיצע.

די לאַגע איז דעריבער געווען מער ווי אַ שווערע. ס'האָט זיך טאַקע באַלד אַרויסגעוויזן, אַז אויף דער מיזרח־זייט ווערט געמאַכט אַרבעט פאַר די וואַרשטאַטן פון דער מערב־זייט, וועלכע זיינען אין שטרייק. אין די אָרגאַניזירטע וואַרשטאַטן האָבן זיך די אַרבעטער ענערגיש אָפּגעזאָגט אָנצונעמען אַזאַ אַרבעט, אָבער ס'זיינען געווען הונדערטער קליינע ווערקשטאַטלעך, וועלכע זיינען נישט געשטאַנען אונטערן קאָנטראָל פונעם פאַריין. ביי אָט־די אומשטענדן איז געווען לייכט פאַרשטענדלעך, אַז די שטרייקנדיקע אַרבעטער פון דער מערב־זייט זיינען אַלץ שטאַרקער צוגעשטאַ־נען צו די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אויף דער מיזרח־זייט, אַז זיי זאָלן עפּעס טאָן. פאַר די חברים פון דער אַנאַרכיסטישער פעדעראַציע איז פון אָנהויב געווען באַשטימט, אַז דאָ מוז געטאָן ווערן עפּעס אויסערגעוויינלעכס, ביכדי צו באַשיצן די יידישע אַרבעטער פון דער אָפּענער באַשולדיקונג אין שטרייקברעכעריי. דאָס האָט אָבער געקאָנט געטאָן ווערן נאָר דורך אַן אַלגעמיינעם סימפּאַטיע־שטרייק, מחמת אַלע האַלבע מיטלען וועלן דאָ גאָרנישט העלפן. ווייל ווען דער שטרייק אויף דער מערב־זייט געבראָכן ווערן איידער די יידישע אַרבעטער וועלן זיך האָבן אַנט־שלאָסן צו אַ ממשותדיקער און ענערגישער אַקציע, וועט מען זיך זיכער נישט קאָנען אויסהיטן דערפון, אַז מ'זאָל אויף זיי אַרויפוואַרפן די גאַנצע שולד. און נישט בלויז די ענגלישע שניידער, נייערט די גאַנצע ענגלישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג וואָלט מיסתמא געווען געוואָרפן אַזאַ באַשולדיקונג און קיינער וואָלט דאָס זיי אין דעם פאַל נישט געקאָנט נעמען פאַריבל. פאַר די אָרגאַניזירטע ענגלישע אַרבעטער איז די „סוויטינג־אינדוסטריע" שטענדיק געווען אַ דאָרן אין אויג. דער רוב פון זיי האָט דאָך אפילו נישט געהאַט קיין באַגריף, ביי וואָס פאַראַ אומשטענדן אָט־דער גיהנומדי־קער סיסטעם האָט זיך אַנטוויקלט, און ווען אפילו זיי וואָלטן דאָס יאָ געוווסט, וואָלט דאָס סיי־ווי נישט געענדערט דעם פאַקט, וועלכער האָט זיי געמאַכט קוקן מיט אומ־צוטרוי אויפן פרעמדן איינוואַנדערער.

ביי אָט־די צושטאַנדן איז עס ביי אונדז געווען אַן עיקר פון חשיבות אַרויסצורופן די יידישע אַרבעטער צום קאַמף. פאַר אונדז האָט די פראַגע דעמאָלט געהאַט ווייניקער אַן עקאָנאָמישן ווי אַ מאָראַלישן באַדייט. די אַנאַרכיסטישע פעדעראַציע האָט דערי־

בער אָנגענומען דעם איינשטימיקן באַשלוס זיך אַרויסצושטעלן מיט אַלע מיטלען פאַר אַ סימפּאַטיע־שטרייק אויף דער מיזרח־זייט. מיר האָבן אפילו אויף קיין איין אויגנ־בליק נישט פאַרגעסן אין דער שווערקייט פון דער לאַגע, אָבער ביי די געגעבענע אומשטענדן איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה און קיין אַנדער מיטל. אפילו ווען אונדזער טירחה זאָל נישט געלינגען, זאָל מען אונדז לפּחות נישט קאָנען מאַכן דעם אויסרייד, אַז מיר האָבן נישט געטאָן אַלעס, וואָס מיר זיינען געווען בכוח. אונדזערע חברים האָבן זיך תיכף גענומען צו דער אַרבעט און אַרויסגעטראָטן ביי די פאַר־זאַמלונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אויף אונדזערע אייגענע צונויפ־טרעפן פאַרן שטרייק. דעם 10טן מאַי האָב איך פאַרעפנטלעכט אינעם "אַרבייטער־פריינד" אַן אויפרוף, אין וועלכן איך האָב קלאָר געמאַכט פאַר די אַרבעטער, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָ און וואָס דאָ איז פאַראַן אין שפּיל. איך האָב נישט אָפּגעג־לייקנט די אחריות. וואָס מ'נעמט אויף זיך, צו באַוועגן טויזנטער אַרבעטער צו וואַרפן די אַרבעט ביי אַזעלכע אומגינציקע אומשטענדן, איך האָב אָבער דערקלערט, אַז ס'זיינען פאַראַן סיטואַציעס, ווען מ'מוז אַן קווענקלענישן נעמען אויף זיך אַזאַ פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט, ביכדי זיך אויסצוהיטן פון דער פיל גרעסערע אחריות מכוח אָפּע־נער שטרייקברעכעריי.

די רעזולטאַטן פון אונדזער פּראָפּאַגאַנדע האָבן זיך טאַקע באַלד געלאָזט מערקן. די גאַנצע מיזרח־זייט לאָנדאָנס איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן ווי פון אַן עלעקטרישער שטימונג און אונדז באַוויזן, אַז אונדזער יאָרנלאַנגע אַקטיוויטעט האָט געשלאָגן וואָרצלען צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט. באַלד נאָכדעם איז אין "גריט אַסעמבלי האָל" פאָרגעקומען אַ ריזיקע פאַרזאַמלונג, ביי וועלכער ס'האָט געזאָלט אָנגענומען ווערן די אַנטשיידונג. די פאַרזאַמלונג איז גערופן געוואָרן פונעם פאַריי־ניקטן קאָמיטעט פון די יידישע שניידער־געווערקשאַפטן. דאָס איז געווען די גרעס־טע פאַרזאַמלונג, וועלכע איז ביז איצט פאָרגעקומען אין געטאָ. דער ריזיקער האָל מיט זיינע דריי גאַלעריעס, אין וועלכע ס'האָבן געהאַט פּלאַץ אַכט טויזנט מענטשן, איז געווען אינגאַנצן איבערפולט. אויפן פרייען פּלאַץ פאַר דער געביידע זיינען גע־שטאַנען צוויי ביז דריי טויזנט אַרבעטער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַריין אינע־ווייניק, און זיי האָבן געוואַרט אומגעדולדיק אויפן רעזולטאַט. די אויבערשטע גאַ־לעריע איז געווען באַזעצט מיט אַ סך אַרבעטער פון דער מערב־זייט, וועלכע האָבן זיך מיט פיבערהאַפטיקער אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו די פאַרהאַנדלונגען. חבר י. קאַפּלאַן האָט דערעפנט די פאַרזאַמלונג מיט אַ קורצער רעדע וועגן דעם באַדייט פונעם באַשלוס, וואָס מ'וועט אָננעמען ביי אַט־דעם צונויפקום. נאָך אים האָבן גענומען דאָס וואָרט פאַרשידענע פאַרשטייער פון די ענגלישע שניידער־פאַריי־נען, צווישן זיי אויך דזש. מאַקדאָנאַלד, דער סעקרעטאַר פון דער "לאָנדאָן סאָסייטי אָוו טיילאָרס" און פּרעזידענט פון "לאָנדאָן טרייד קאָונסיל". ער האָט דערקלערט פאַר די פאַרזאַמלטע די סיבה פונעם שטרייק אויף דער מערב־זייט און געצויגן זייער אויפמערקזאַמקייט אויף דעם, אַז פונעם באַשלוס פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט איז אָפּהענגיק דער אויסגאַנג פון זייער קאַמף.

נאָך זיי איז געגעבן געוואָרן דאָס וואָרט מיר, ווי דעם פֿאַרטרעטער פֿון אונדזער פֿעדעראַציע. איך האָב אין צודרינגלעכע ווערטער נאָכאַמאָל צונויפֿגענומען דאָס, וואָס איך האָב שוין געהאַט געזאָגט אין מיין אויפֿרוף צו דער יידישער אַרבעטער־שאַפֿט. די פֿאַרזאַמלונג האָט אויסגעהערט מיינע רייד מיט אַ פֿאַרהאַלטענעם אָטעם, איינגאַנצן געשפּאַנט. ווען איך האָב פֿאַרענדיקט מיין ־עדע, איז אויסגעבראָכן אַ שטורמישע אָוואַ־יע אין גאַנצן זאַל, וועלכע האָט באַזייטיקט יעדן ספק וועגן דעם רעזולטאַט פֿון דער פֿאַרזאַמלונג. נאָך מיר האָבן גערעדט נאָך אַנדערע פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשידענע יידישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, אָבער די פֿאַרזאַמלונג איז שוין געווען באַהערשט פֿון אַזאַ פֿיבערדיקער אומגעדולדיקייט, אַז זי איז נאָך קוים געווען אימשטאַנד נאָכצוגיין אויפֿמערקזאַם זייערע אויספֿירונגען. ווען דער פֿאָרזיצנדער האָט לסוף דורכגעפֿירט די אָפּשטימונג, האָט זיך נישט אויפֿגעהויבן קיין איין שטים און קיין איין האַנט קעגן דעם שטרייק. דער באַשלוס איז באַגריסט געוואָרן מיט שטורמישער באַגייסטערונג, וועלכע האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן צו דער מאַסע, וועלכע איז געשטאַנען אין דרויסן און אין אַ געוואַלטיקער ענגעניש במשך פֿון לאַנגע שעהן געוואַרט אויפֿן רעזולטאַט.

איז דער שטרייק שוין געווען אַ פֿאַקט. און איצט האָט מען געדאַרפֿט צונויפֿנעמען אַלע כוחות, ביכדי אים צו דערפֿירן צו אַ גוטן סוף. דער באַשלוס וועגן שטרייק האָט נאָך געמוזט באַשטעטיקט ווערן דורך די איינצלנע באַזונדערע פֿאַריינען, אָבער דאָס איז געווען בלויז אַן ענין פֿון פֿאָרמאַליטעטן. שוין צוזאָמענגס זיינען זעקס טויזנט אַרבעטער געווען אין שטרייק, נישט וואַרטנדיק אויף דער אָפֿיציעלער באַשטעטיקונג. נאָך זיי זיינען באַלד אַרויס אין שטרייק אַנדערע פֿיר ביז פֿינף טויזנט, אַזוי אַז די גאַנצע באַקליידאינדוסטריע אויף דער מיזרח־זייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. זיכער איז געווען, ווי אין יעדן קאַמף, אַ קליינע מינדערהייט זיך קווענקלענדיקע און אומאַנטשלאָסענע עלעמענטן, אָבער זייער צאָל איז געווען אַזוי קליין, אַז זיי האָבן פֿאַר אונדז נישט געקאָנט ווערן געפֿערלעך, ביפֿרט וואָס אַלע געגנטן זיינען תיכּף באַזעצט געוואָרן מיט שטרייק־פּיקעטן, וועלכע האָבן געוווסט, ווי אַזוי דורכצופֿירן זייער שליחות.

אַ טאָג נאָך דער גרויסער פֿאַרזאַמלונג אין „גריט אַסעמבלי האָל“ איז געשאַפֿן געוואָרן אַ שטרייק־קאָמיטעט פֿון פֿופֿציק פּערזאָנען, אין וועלכן ס'זיינען געווען פֿאַרטראָטן אַלע שניידער־אַרבעטער־פֿאַריינען פֿון איסט־ענד. דערדאָזיקער קאָמיטעט האָט זיך פֿונאַנדערגעטיילט אין דריי פֿאַרשידענע קאָמיסיעס, פֿון וועלכע יעדע איינע האָט געהאַט דורכצופֿירן אַ ספּעציעלע שליחות. אויף דער פֿינאַנצקאָמיסיע פֿון זיבן פּערזאָנען איז אויסגעפֿאַלן די מיסיע צו זאָרגן פֿאַר די נויטיקע מיטלען, ביכדי צו אונטערשטיצן די שטרייקער; די אויסגלייך־קאָמיסיע האָט געדאַרפֿט שליסן אָפּמאַכן מיט יענע באַלעבאַטים, וועלכע וועלן זיין גרייט נאָכצוגעבן די פֿאָדערונגען פֿון די שטרייקער; דער רעשט האָט זיך פֿונאַנדערגעטיילט אין שטרייק־קאָמיסיעס פֿאַר די פֿאַרשידענע געגנטן, ביכדי אַנצונעמען אַלע מיטלען פֿאַרן גוטן גאַנג פֿונעם שטרייק. בראש פֿון אָט־די דריי סובקאָמיסיעס איז געשטאַנען אַ קאָנטראָל־קאָמיטעט, וועל־

כער האָט געהאַלטן אַן אויג איבער אַלע אַרבעטן. אַט־דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון זיבן פּערזאָן, מיט י. קאַפּלאַן ווי דער פּרעזידענט, ס. אייזנשטאַדט ווי סעקרעטאַר, ר. ראָקער ווי דער פאַרטרעטער פונעם פינאַנצקאָמיטעט.

דעמזעלביקן טאָג האָט די אַנאַרכיסטישע פעדעראַציע באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דעם „אַרבייטער־פריינד" טאָגטעגלעך אין פיר זייטן כל־זמן ס'וועט דויערן דער שטרייק, ביכדי די אַרבעטער זאָלן קאָנען זיין אינפאָרמירט וועגן גאַנג פון דער באַוועגונג. ס'האָט זיך, בכן, אָנגעהויבן פאַר אונדז אַ צייט פון שווערער און אומדערמידלעכער אַרבעט, וועלכע ס'איז שווער צו באַשרייבן. דער רוב פון די שטרייקנדיקע אַרבעטער איז ביז דעמאָלט געווען לגמרי נישט אָרגאַניזירט, און די מיטלען, וועלכע מיר האָבן געהאַט אין אונדזער רשות, זיינען געווען לעכערלעך קליינע. אפילו די צום בעסטן אָרגאַניזירטע פּראָפאַריינען, אַזעלכע ווי די מענטל מייקערס, האָבן נישט געהאַט קיין פאָנדן, וועלכע זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו אַזאַ לאַגע. אויך די אַרבעטער־פאַריינען פון אַנדערע פאַכן חוץ דער שניידער־אינדוסטריע זיינען נישט געשטאַנען בעסער. אָבער די שטימונג איז יעדנפאַלס געווען אַן אויסגעצייכנטע און אויף דעם האָבן מיר געלייגט אונדזער גאַנצע האָפענונג.

דער גענעראַלשטרייק פון די יידישע שניידער־אַרבעטער איז פאַרן גאַנצן מיזרח־דיקן געגנט פון לאָנדאָן געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכע געשעעניש. מיטן אויסנאַם פון די באַלעבאַטים איז די גרויסע מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג פון אָנהויב אָן געשטאַנען אויף דער זייט פון די אַרבעטער. אַלע בעסער־באַצאָלטע אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען באַטייליקט אינעם שטרייק און האָבן געהאַט אַביסל אָפּגעשפּאָרט געלט אָדער געקאָנט באַקומען וועלכן־ס'איז קרעדיט, האָבן פון אָנהויב אָן זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער אונטערשטיצונג און זיי האָבן געזוכט אופנים, ווי אַזוי זיך אַליין אַן עצה צו געבן אַזוי ווי זיי האָבן געקאָנט. אָבער ווי גרויס אַט־דער קרבן איז געווען, שטאַרק זיינען מיר דערפון נישט געהאָלפן געוואָרן. ווי דער פּרעזידענט פונעם פינאַנצקאָמיטעט האָב איך דאָס געוווּסט בעסער ווי עמעץ אַנדערש. די ערשטע זאָרג איז געווען צו העלפן די אָרעמסטע פון די אָרעמע, און אַזוי ווי ס'האָט אונדז פאַר דעם צוועק געפעלט דער נייטיקער קאַפּיטאַל, האָבן מיר געמוזט זוכן נייע אופנים, ווי אַזוי צו באַשיצן די אַרבעטער און זייערע פאַמיליעס פון דער ביטערסטער נויט. זיינען דעריבער אין די לאָקאַלן פון אַלע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אויסגעטיילט געוואָרן פרייע מאָלצייטן, וועלכע זיינען על־פּי־רוב באַשטאַנען פון ברויט, קעז און טיי. אין אייניקע געביידעס, וועלכע האָבן געהאַט בעסערע באַקוועמלעכקייטן פאַר דעם צוועק, זיינען אפילו פון צייט צו צייט אויסגעטיילט געוואָרן וואַרעמע מאָלצייטן. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון יידישע בעקערס האָט אונדז יעדן טאָג פאַרזאָרגט מיט ברויט און דער פאַריין פון די ציגאַרעטן־אַרבעטער האָט צוגעשטעלט צו אונדזערע שטרייקפּאָסטנס דעם נייטיקן רויכערמאַטעריאַל. אַלע יידישע אַרבעטער־פאַריינען האָבן אַרויפגעלייגט אויף זייערע מיטגלידער אַ ספּעציעלן ביישטייער, וועלכער איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם שטרייק־קאָמיטעט. אפילו מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין דירעקטע שייכות מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן אונדז

געהאָלפן ווי נאָר זיי האָבן געקאָנט. אויך דאָס יידישע פאָלקסטעאַטער האָט אַראַנזשירט אייניקע פאָרשטעלונגען, וועמעס הכנסות זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דעם שטרייק־קאָמיטעט. אויף דעם אופן זיינען מיר געווען אימשטאַנד לפחות אין די ערשטע עטלעכע וואָכן אויסצוצאָלן די שטרייקער עטלעכע שילינג אַ וואָך.

אונדזער שטרייק האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן ווי אַ סימפּאַטיע־שטרייק אין סאָלידאַריטעט מיט די שטרייקנדיקע אַרבעטער פון דער מערב־זייט, פונדעסטוועגן האָבן מיר באַלד געפילט די נויטיקייט אַרויסצוקומען מיט אייגענע פאָדערונגען, מחמת אַזאַ געלעגנהייט טאָר נישט דורכגעלאָזט ווערן אומאויסגענוצט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס אַ שטרייק האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע און וויכטיקסטע אינדוסטריע פונעם געטאָ און אַדאַנק דעם האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צו דערלאַנגען אַן אַנטשיידנדיקן קלאַפּ דעם פאַרהאַסטן „סוויטינגסיסטעם“ און איינצופירן נאָרמאַלע אַרבעטס־באַדינגונגען. צו דעם האָט קודם־כל באַלאַנגט אַ נאָרמאַלער אַרבעטסטאָג, אָפּשאַפונג פון די איבערשעהן און אַ העכערונג אין די שכירות. אָבער די וויכטיקסטע פאָדערונג איז געווען, אַז די גאַנץ קליינע וואַרשטאַטלעך זאָלן אינגאַנצן אָפּגעשאַפט ווערן און אין די גרויסע וואַרשטאַטן זאָלן נאָר באַשעפטיקט ווערן מיטגלידער פון פראָפעסיאָנעלן פאַריין. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז כל־זמן אָט־דער ציל וועט נישט קאָנען דערגרייכט ווערן, וועלן אַלע אַנדערע דערגרייכונגען אין אַזאַ צעשפּליטערטער און אין אַזוי פיל קליינע וואַרשטאַטלעך פונאַנדערגעטיילטער אינדוסטריע נישט האָבן קיין האַפט, מחמת זיי וועלן שפּעטער ווידער לייכט קאָנען אַנולירט ווערן, אויב די פאַריינען וועלן נישט האָבן קיין מעגלעכקייט פולשטענדיק צו קאָנטראָלירן די אַרבעטספּלעצער. אַרבעטער און באַלעבאַטים האָבן דעריבער זייער גוט געוווּסט, וואָס אַזוינס אָט־די פאָדערונג באַדייט פאַר זיי און קיין איין צד איז נישט געווען קיין בעלן איינצוגיין אויף קאָמפּראָמיסן.

די אָרגאַניזאַציע פון די באַלעבאַטים איז פאַרן שטרייק געווען פּונקט אַזוי שוואַך ווי די אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער. די אַזויגערופענע „מייסטער אַסאָסיאיישאָן“ (פאַריין פון אונטערנעמער) האָט געהאַט בערך דריי הונדערט מיטגלידער; זי האָט, הייסט עס, אַרומגענומען בלויז אַ קליינע מינדערהייט פון די קליינע באַלעבאַטימלעך פון דער מיזרח־זייט. אָבער אָט־דער פאַריין איז אין דער צייט פון שטרייק געשטיצט געוואָרן פינאַנציעל און מאָראַליש פון די פאַראייניקטע פירמעס פון דער סיטי, פאַר וועמען זיינע מיטגלידער האָבן געאַרבעט. אונטערן דרוק פונעם יידישן באַלעבאַטים־פאַריין האָבן יענע פירמעס אָנגענומען אַ באַשלוס צוצונעמען די אַרבעט פון יענע באַלעבאַטים, וועלכע וועלן אַרויסווייזן אַ גרייטקייט איינצוגיין אויף אַן אָפּמאַך מיט די אַרבעטער־פאַריינען. אָט־דער דירעקטער אָפּשרעק אויף זייער עקזיסטענץ האָט נאַטירלעך אַרויפגעוואָרפן אַ פּחד אויף אַ סך פון זיי. אויף דעם האָט זיך סומך געווען דער גאַנצער כוח פונעם יידישן באַלעבאַטים־פאַריין, וועלכער וואָלט אָן דעם נישט געווען געהאַט קיין שום באַדייט. דער פאָרזיצער פון יענער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ געוויסער שימשון, אַ געוויסנלאָזער, נימאסדיקער מענטש, וועלכער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטל, פאַרן שענדלעכסטן אפילו, אַבי נאָר

ער האָט גערעכנט, אַז ס'וועט פֿאַר אים עפּעס אַרויסקומען פֿון דעם. אָט־דער פֿאַרשווין האָט זיך ספּעציעל פֿאַרלייגט אויף אויפֿצוהעצן דאָס געמיט פֿון דער ענגלישער באַפֿעלקערונג קעגן די שטרייקנדיקע יידישע אַרבעטער. און ביכדי צו באַווייזן דער עפֿנטלעכקייט, אַז די אַרבעטער האָבן אפֿילו נישט דעם מינדסטן מאָטיוו פֿאַר אַ שטרייק, האָט ער אין נאָמען פֿון זיין אָרגאַניזאַציע פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער ענגלישער פּרעסע דעם מאָנסטרועזן ליגן וועגן די סיבות פֿון שטרייק. אויפֿן סמך פֿון געפֿעלשטע טאַבעלעס וועגן שכירות האָט ער זיך מכוון געווען צו איבערצייגן די ענגלישע לייענער, אַז די אַרבעטער האָבן פֿאַרדינט פֿון זעקס ביז צען פֿונט שטערלינג אַ וואָך און אַז זיי קאָנען זיך פֿאַרגינען צו פֿירן אַזאַ לעבנסשטייגער, וועגן וועלכן די ענגלישע אַרבעטער קאָנען אפֿילו נישט חלומען. ווען מ'האָט געלייענט אָט־די באַריכטן, וועלכע זיינען געווען אויסגערעכנט מיט דער גאַנצער ציניזשער געוויסנלאָזיקייט אָפּצונאַרן די עפֿנטלעכע מיינונג, האָט מען באמת געקאָנט מיינען, אַז אין די היילן פֿון דער „שוויצאינדוסטריע" איז פֿונאַנדערגעבליט אַ פֿאַרהוילענער גן־עדן, ווו נויט און זאָרג זיינען אומבאַקאַנטע באַגריפֿן. אָט־דערדאָזיקער נידעריקער פֿאַרשווין האָט אפֿילו געהאַט די חוצפּה אָפּצונאַרן די עפֿנטלעכקייט מיטן ליגן, אַז דער שטרייק איז בלויז אַ מאַכינאַציע פֿון אויסלענדישע אַנאַרכיסטן, וועלכע זוכן מיט אַלע טעראָרמיטלען נישט צו דערלאָזן דעם אומקער צו דער אַרבעט.

אַזוי ווי ס'איז פֿאַר די באַלעבאַטים נישט געווען קיין סוד דער צושטאַנד פֿון אונדזערע פֿינאַנצן, האָבן זיי גאַנץ זיכער גערעכנט אויף דעם, אַז דער שטרייק וועט נאָך איינער אָדער צוויי וואָכן דורכפֿאַלן און דער הונגער וועט צווינגען די אַרבעטער זיך אומצוקערן צו דער אַרבעט. און ביכדי אָפּצושרעקן די וואַקלדיקע, האָט דער באַלעבאַטים־פֿאַריין דערקלערט אַ לאָקאָוט קעגן זיינע אַרבעטער אויף דריי וואָכן צייט. אָט־דער גראָטעסקער באַשלוס האָט בלויז אַרויסגערופֿן אַ שמייכל, מחמת דער שטרייק האָט געהאַט פֿאַראַליזירט די גאַנצע שניידער־אינדוסטריע און אין די ליידיקע וואַרשטאַטן האָבן זיך בלויז אַרומגעפֿאַרעט די מייז. אָבער אָט־דער נידעריקער אופֿן פֿונעם באַלעבאַטישן קאַמף האָט נאָך מער אויפֿגעברויזט די פֿאַרביטערונג פֿון די אַרבעטער און געקרעפֿטיקט זייער אויסדויער־ווילן.

אינדעראמתן איז דער גרויסער שטרייק פֿון יאָר 1912 געווען אַן אויסערגעוויינלעך געשעעניש, וועלכע האָט געשטעלט די העכסטע פֿאָדערונג צו אונדזער ווילנסקראַפֿט און פֿיזישער לייסטונגס־פֿעיקייט. אָבער דאָס אַלעס וואָלט אונדז נישט געווען געהאָלפֿן, ווען די שטימונג צווישן די אַרבעטער וואָלט נישט געווען אַזוי אַנטשלאָסן און אַזוי אומקאָמפּראָמיסלעך. מ'קלאָגט זיך אַזוי אָפֿט אויף דער אומאַנטשלאָסנקייט און קווענקלענדיקן געמיט פֿון די מאַסן און זיכער נישט אינגאַנצן אומגערעכט. אָבער יענע באַוועגונג האָט אונדז בפֿירוש געוויזן, אַז אפֿילו אין דער קריטישסטער צייט איז מעגלעך צונויפֿצוהאַלטן מאַסן און זיי אָנצופֿילן מיט אַ לעבעדיקער נשמה, אויב מ'פֿאַרשטייט ווי אַזוי אמתדיק און ערלעך צו דינען זייער זאַך און ווען מ'געפֿינט די ריכטיקע ווערטער צו געבן אַן אויסדרוק זייערע געפֿילן. מיר האָבן פֿון אָנהויב אָן געהאַט די גאַנצע סימפּאַטיע פֿון דער באַפֿעלקערונג אויף

אונדזער זייט, אָבער חוץ דעם זיינען אַלע פֿאַקטאָרן געווען קעגן אונדז. דאָס איז געווען אַ הונגערשטרייק אינעם בפירושן זין פֿונעם וואָרט. דאָס, וואָס מיר האָבן געקאָנט געבן די שטרייקנדיקע אַרבעטער, איז נישט געווען גענוג אויפֿצוהאַלטן זייער לייב און לעבן.

די פֿינף הונדערט אָדער זעקס הונדערט שטרייק־פּיקעטן, וועלכע זיינען בייטאָג און ביינאַכט געשטאַנען אויף דער וואַך, זיינען גאַנץ אָפֿט באַלעסטיקט געוואָרן פֿון דער פּאָליציי אָן יעדן מאָטיוו. כּמעט יעדע וואָך זיינען שטרייקנדיקע אַרבעטער אַרעסטירט געוואָרן און אויפֿן בלויזן סמך פֿון דעם, וואָס די פּאָליציאַנטן האָבן געזאָגט, זיינען זיי באַשטראָפֿט געוואָרן צו צוויי אָדער דריי חדשים צוואַנגסאַרבעט אָדער צו צאָלן הויכע געלט־שטראָפֿן, וואָס איז געווען איינס און דאָסזעלביקע, מחמת זיי האָבן דאָך די געלטשטראָפֿן נישט געקאָנט איינצאָלן און האָבן דעריבער געמוזט גיין דערפֿאַר אין תּפֿיסה. נאַטירלעך האָבן מיר געוווסט, אַז דער באַלעבאַטים־פֿאַריין האָט געהאַט זיין האַנט אינעם שפּיל, אָבער דערמיט זיינען מיר מיט גאָרנישט געהאָלפֿן געוואָרן. מיר האָבן זיך געמוזט אָן עצה געבן מיט די פֿאַרהעלטענישן אַזוי גוט ווי מיר האָבן געקאָנט און טאַקע אַזוי האָבן מיר געטאָן.

ס׳איז אין יענעם קאַמף געווען אַזוי פֿיל אומבאַגרענעצטע מסירת־נפֿש און שטילער העראָיזם, וועלכער האָט גענומען אויף זיך יעדן מין נויט אָן קווענקלענישן, אַז די פּרטים וועלן מיר פֿאַרבלייבן אומפֿאַרגעסלעך. אין אַזעלכע ראַנגלענישן איז פֿיל לייכטער צו דערקענען מענטשן ווי מ׳קאָן דאָס טאָן אין אַנדערע צייטן, און מ׳געפֿינט אָפּטמאָל ביי מענטשן, וועלכע פּרעטענדירן אויף גאָרנישט, פֿאַרבאָרגענע אייגנשאַפֿטן, אויף וועלכע מ׳האָט זיך פֿריער לגמרי נישט געריכט. אַז אונדזערע חברים זאָלן זיך אַרויסשטעלן פֿאַרן שטרייק מיט אַלע כּוחות, איז געווען אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט. דאָס זיינען געווען מענטשן, וועלכע זיינען געווען באַגייסטערט פֿון אַ גרויסן אידעאַל און מ׳האָט דעריבער צו זיי געשטעלט מער פֿאָדערונגען ווי צום דורכשניטלעכן מענטש פֿון פֿאָלק. אָבער די מאַסן, וועלכע זיינען דאָ געשטאַנען אין קאַמף און מיט שטומער אַנטשלאָסנקייט גענומען אויף זיך אַלע יסורים, וועלכע דער קאַמף האָט מיט זיך געברענגט, זיי זיינען נישט געווען קיין אַנאַרכיסטן, נייערט מענטשן, פֿון וועלכע דער רוב האָט אפֿילו נישט באַלאַנגט צו קיין שום פּאָליטישער אָדער געזעלשאַפֿטלעכער ריכטונג. ס׳איז אמת, אַז אַ סך פֿון זיי, באַזונדערס יענע, וועלכע האָבן נאָך פֿון פֿריער באַלאַנגט צו די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, זיינען שוין געווען באַיינפֿלוסט פֿון אונדזער פּראָפּאַגאַנדע און זיי זיינען גייסטיק אָדער סענטימענטאַל געשטאַנען נאָענט צו אונדז. אָבער דער רוב איז געווען פּשוטע אַרבעטער, וועלכע ס׳איז אויסגעקומען שווער צו קעמפֿן פֿאַרן עול פֿון דער פּרנסה און צומאָלס נאָך געלעגן גאַנץ שטאַרק אונטער דער ווירקונג פֿון די אַלטע רעליגיעזע טראַדיציעס. דאָס, וואָס האָט זיי באַוויגן אַרויסצוגיין אין שטרייק, איז געווען זייער נאַטירלעך געפֿיל פֿאַר גערעכטיקייט. און דאָס, וואָס האָט זיי דערנאָך געהאַלטן אינעם קאַמף, איז געווען זייער אויפֿקומענדיקער מענטשלעכער באַוווסטזיין, וועלכעס איז ביי זיי געהאַט כּמעט פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אינעם טיפֿן טריטוואַסער פֿון זייער האַרטן און שווערן האָרעפּאַשנעם לעבן. און איצט האָבן

זיי דערפילט, אַז זיי מוזן אַרויסשטעלן זייערע אייגענע כוחות, ביכדי אויסצוקעמפן פאַר זיך און פאַר זייערע מישפחות בעסערע און מענטשנווירדיקערע לעבנסבאַדינ־גונגען. און זיי האָבן עס געטאָן מיט דער פאַרצווייפלטער אנטשלאָסנקייט פון מענטשן, וועלכע האָבן גאָרנישט צו פאַרלירן און אַלעס צו געווינען.

ווען די באַלעבאַטים האָבן ענדלעך איינגעזען, אַז זייערע אומזויבערע מיטלען האָבן נישט די ווירקונג, וואָס זיי זיינען אויסן, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט א מאַניפעסט צו די פרויען פון די שטרייקער און פאַר זיי מיט רירנדיקע ווערטער פאַרגעשטעלט, וואָס פאַרא אומגליק דער שטרייק האָט געבראַכט אויף זיי און אויף זייערע קינדער. דידאָזיקע משונהדיקע מענטשן־פריינט, וועלכע האָבן זיך ביז איצט אומברחמנותדיק אַרויסגעשטעלט קעגן יעדן מין פאַרבעסערונג אין דער לאַגע פון די אַרבעטער, זיינען איצט מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט אַ טיפן רחמנות צו די פרויען און קינדער פון זייערע קרבנות און זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי זיינען איצט גרייט מיטן אייגענעם ווילן צו באַווילִיקן אַן אַלגעמיינע העכערונג אין די שכירות. נאָר וואָס דען, — די פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען ווילן זיי נישט אָנערקענען, מחמת זייער ציל איז בלויז אויפצובונטעווען די אַרבעטער און זיי זיינען אויסן צו צעשטערן די גוטע באַצי־אונגען מיט זייערע ברויטגעבער. דעריבער עצהן זיי אין זייער אויפרוף, אַז די פרויען זאָלן אַפּעלירן צום נאמנות פון זייערע מענער און זיי צווינגען נאָכצוגעבן, מחמת עס וועט זיי סיי־ווי־סיי גאָרנישט העלפן און די נויט פון זייערע פאַמיליעס וועט בלויז ווערן נאָך גרעסער.

אָבער אויך דידאָזיקע דערווידערלעכע היפּאָקריטסטווע האָט נישט געמאַכט קיין שום איינדרוק. דער שטרייק־קאָמיטעט האָט פאַררופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון פרויען, ביי וועלכער די געמיינע און ליגנערישע טאַקטיק פון די קליינע און גרויסע באַלעבאַטים פון די שוויצשעפּער איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויף אַזאַ אופן, אַז ס'איז זיי פאַרגאַנגען דער חשק ווייטער אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט מיט זייער גרויסן רחמנות צו די אומשולדיקע פרויען און קינדער. פאַקטיש זיינען די פרויען געווען נישט וויניקער אנטשלאָסן ווי די מענער, ווען אַפילו אויף זיי איז אויסגעפאַלן צו פילן אמשווערסטן די גאַנצע לאַסט פונעם קאַמף. ס'האָט אפילו אָפּט פּאַסירט, אַז געוויסע אָרימע פרויען פלעגן קומען צום שטרייק־קאָמיטעט און ביי אים געבעטן א צוגאָב־ברייטל פאַר זייערע קינדער. אָבער זיי זיינען געקומען נאָר דערפאַר, ווייל די ביטערסטע נויט האָט זיי דערצו געצוווּנגען און זיי האָבן קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן די מינדסטע פאַרביטערונג. מיר האָבן אין אַזעלכע פאַלן געהאָלפן אַזוי גוט ווי מיר האָבן געקאָנט און מ'איז אונדז געווען דאַנקבאַר דערפאַר. נישט רעדנדיק פון אייניקע אויסנאַמען, זיינען אָט־די אָרעמע פרויען געשטאַנען פעסט ביי דער זייט פון זייערע מענער און זיי געמוטיקט אין זייער גערעכטן קאַמף.

די גאַנצע מיזרח־טייל לאָנדאָנס האָט איך משך פון יענע וואָכן געלעבט אין אַ פיבערדיקער שטימונג. יעדן טאָג זיינען פאָרגעקומען גרויסע גאַסנדעמאָנסטראַציעס און שטורמישע פאַרזאַמלונגען פון שטרייקער אין אַלע ראָגן און ווינקלען. דער צופאַל האָט אַזוי צוזאַמענגעפירט, אַז פונקט דעמאָלט זיינען אויך די לאָנדאָנער האַפן־אַר־

בעטער געשטאַנען אין איינעם פון די פאַרביטערטסטע לוינקאַמפן מיט דער אָרגאַניזאַציע פון די באַלעבאַטים, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן פון לאָרד דייווענפּאָרט, און ס'האָט אָפט פּאַסירט, אַז די מאַניפעסטאַציעס פון די פּאָרט־אַרבעטער האָבן זיך פאַראייניקט מיט אונדזערע און די אַרבעטער האָבן אין געשלאָסענע רייען מאַרשירט קיין טאַוער־היל, ווו ס'זיינען כימעט יעדן טאָג פאָרגעקומען ריזיקע פאַרזאַמלונגען פון די שטרייקער. אַזוי אַרום איז צווישן די יידישע און ענגלישע אַרבעטער אנטשטאַנען אַן אמת חברלעכע באַציונג, וועלכע איז אַרויסגערופן געוואָרן דורכן בשותפותדיקן קאַמף.

פאַר מיר פּערזענלעך איז יענע צייט געווען פאַרבונדן מיט אומגלייבלעכע אָנשטרענגונגען. פאַר צוויי אַזייגער פאַרטאָג בין איך קיינמאָל נישט אַהיימגעקומען, ווייל איך האָב זיך געמוזט באַטייליקן ביי אַלע זיצונגען פונעם שטרייק־קאָמיטעט און חוץ דעם נאָך געמוזט דערפילן די שווערע פליכט ווי דער פאַרזיצער פונעם פינאַנץ־קאָמיטעט. זעקס אַזייגער אינדערפרי בין איך שוין געווען פאַרנומען אין דער רעדאַקציע צוצוגרייטן דעם טעגלעכן נומער פונעם „אַרבייטער־פריינד", וועלכער האָט געמוזט זיין פאַרטיק 11 אַזייגער. אינעם רעשט שעהן פונעם טאָג האָב איך געווינלעך געדאַרפט רעדן אויף דריי אָדער פיר פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען פון די שטרייקער, אָדער זיך באַטייליקן אין גאַסנמאַניפעסטאַציעס, אַזוי אַז ס'האָט זיך געמאַכט, אַז איך פלעג במשך פון טעג אפילו נישט אויסטאָן די קליידער און קוים געקאָנט געפינען דריי אָדער פיר שעה צייט צו שלאָפן. אָבער מיין קרעפטיקער געזונטצושטאַנד האָט מיר צוגעהאָלפן גובר צו זיין אַלע שוועריקייטן.

און דאָסזעלביקע, וואָס ס'האָט דעמאָלסט פּאַסירט מיט מיר, האָט אויך פּאַסירט כימעט מיט אַלע אַנדערע חברים, וועלכע זיינען אוממיטלבאַר געווען באַטייליקט אינעם שטרייק. נישט זעלטן פלעגט מען אונדז רופן אינמיטן דער נאַכט, ביכדי צו קאָנטראָלירן די שטרייקפּיקעטן און דערמוטיקן די אַרבעטער אין די פאַרשידענע לאָקאַלן פון די פאַריינען, ווו די „פּיקעטן" פלעגן זיך צונויפטרעפן, איידער זיי זיינען אַוועק פאַרבייטן די חברים זייערע, וועלכע האָבן שטענדיק געדאַרפט אָפּהיטן די וואַרשטאַטן. ס'וועט מיסתמא פאַר יעדן איינעם זיין פאַרשטענדלעך, אַז מיר אַלע האָבן דורכגעפירט דידאָזיקע קאָלאָסאַלע אַרבעט אָן שום פאַרגיטיקונג. יעדער איינער האָט מיטן בעסטן פאַרגעניגן אוועקגעגעבן דאָס לעצטע, ביכדי צו דערפירן דעם שווערן קאַמף צו אַ זיגערישן סוף.

נאָך דריי וואָכן בערך איז אויף דער מערב־זייט פון לאָנדאָן געקומען צו אַן אויסגלייך צווישן די אַרבעטער און באַלעבאַטים. עס מוז דאָ באַטאָנט ווערן, אַז אָט־דער אָפּמאַך איז געשלאָסן געוואָרן אַזוי, אַז מיר האָבן וועגן אים לחלוטין נישט געוווּסט, מחמת ביידע פּראָפעסיאָנעלע ענגלישע פאַריינען האָבן אונדז אפילו נישט געלאָזט וויסן וועגן דעם, אַז ס'גייען־אָן פאַרהאַנדלונגען צווישן זיי. מ'האָט אונדז פשוט אַוועקגעשטעלט פאַר אַ געשעענעם פאַקט, מיט וועלכן מיר האָבן געמוזט שלום מאַכן אַזוי גוט ווי מעגלעך. חברלעך איז דאָס זיכער נישט געווען, און אַזוי ווי מיר זיינען צו דעם נישט געווען צוגעגרייט, זיינען דעריבער אנטשטאַנען נייע שוועריקייטן פאַר

אונדז. ווי אַ פּועל־יוצא פון אַט־דעם אויפפיר האָבן זיך די אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט ביי מענער־אַרבעט און ביי הויזן־ און מיליטער־שניידעריי, מיט אַ וואָך שפּעטער אומגעקערט צו דער אַרבעט, נאָכדעם ווי די באַלעבאַטים האָבן נאָכגעגעבן אַ גאַנצע ריי פון זייערע וויכטיקסטע פאָדערונגען. בלויז בערך זעקס טויזנט דאַמען־שניידער זיינען ווייטער געשטאַנען אין שטרייק, און אַזוי ווי זייער אַרבעט האָט אַרומגענומען דעם וויכטיקסטן טייל פון דער באַקלייד־אינדוסטריע אויף דער מיזרח־זייט, איז פון דער אַנטשלאָסנקייט פון דידאָזיקע אַרבעטער געווען אָפּהענגיק דער גאַנצער רעזולטאַט פונעם גרויסן שטרייק. די וויכטיקסטע פאַרשטייער פון דער „מייסטער־אַסאָסיאיישאָן" האָבן באַלאַנגט צו אַט־דעם צווייג און טאַקע דעריבער האָט דער קאַמף אין דער־אָ בראַנזשע אָנגענומען די ביטערסטע פאָרמען.

ס'איז נאַטירלעך, אַז אויך ביי די באַלעבאַטים האָט דער שטרייק אַרויסגערופן גרויסע מיינונגספאַרשידנהייטן, וועלכע האָבן באַקומען אַן אַלץ שאַרפערן אויסדרוק וואָס לענגער דער קאַמף האָט זיך פאַרצויגן. צוליב דעם שטרייק איז פאַרשפּילט געוואָרן א גאנצער אַרבעטסעזאָן און דאָס איז פאַר די קלענערע באלעבאטים געווען אַ פילבאַרער הזיק. ביי אַט־די אומשטענדן האָט דער הער שימשון געמוזט אָנווענדן אַלע מיטלען פון זיין נישט קליינער דערפינדערישקייט, ביכדי צונויפצוהאַלטן זיינע קאָלעגן. אָבער וואָס לענגער דער שטרייק האָט געדויערט, אַלץ שווערער איז דאָס געוואָרן, ביפרט ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אײדעלער פאַרזיצער פונעם באַלעבאַטים־פאַריין פלעגט פאַרטיילן די אונטערשטיצונגס־געלטער, וואָס ער האָט באַקומען פון די גרויסע פירמעס פון דער סיטי, אויף אַ זייער אייגנווויליקן אופן, אַ זאַך, וואָס די קליינע באלעבאטים האָבן אויפגענומען מיט א ספּעציעלער אומצופרידנקייט.

אָבער אויך אונדזער לאַגע איז מיטן דויער פונעם שטרייק געוואָרן אַלץ שווערער, ווייל מיר האָבן זיך וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער געקאָנט אַן עצה געבן מיט דער דרינגענדיקער נויט. אפילו דער פאַקט, וואָס די אַרבעטער פון פאַרשידענע צווייגן פון דער אינדוסטריע האָבן שוין אָנגעהויבן אַרבעטן, האָט אונדז ווייניק־וואָס געהאָלפן, מחמת דער שטרייק האָט דעם רוב אַרבעטער דערפירט צו דערשעפּונג און יעדער איינער האָט שוין געהאַט געגעבן, וואָס ער האָט געקאָנט געבן. מהאַי טעמה זיינען די לעצטע וואָכן פונעם קאַמף געווען די ערגסטע, — ס'זיינען געווען אמתע הונגערוואָכן. דער באַלעבאַטים־פאַריין האָט אַפילו, אונטערן דרוק פון זיינע אייגענע מיטגלידער, לסוף געמוזט באַשליסן צו פאַרהאַנדלען מיטן אַרבעטער־פאַריין און אפילו דערקלערט זיין גרייטקייט איינצוגיין אויף א קירצונג פון די ארבעט־שעהן און אַ העכערונג פון די שכירות, אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ אַרויסגעשטעלט קעגן דער וויכטיקסטער פאָדערונג פון די אַרבעטער איינצופירן געשלאָסענע, פון פאַריין קאָנטראָלירטע וואַרשטאַטן.

ביי אַט־די אומשטענדן האָט דער שטרייק־קאָמיטעט באַשלאָסן צונויפצורופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, ביכדי קלאָר צו מאכן פאר די ארבעטער, וואָס זיי האָבן צו פאַרלירן און וואָס צו געווינען, ביכדי זיי זאָלן אליין זיין אימשטאַנד זיך אַרויסצוזאָגן,

וואס צו טאָן ווייטער. יעדער איינער האָט געפילט, וואָס פאַרא ווכטיקייט אָט־די־פאַרזאַמלונג דאַרף האָבן; און נישט בלויז די אַרבעטער, נייערט אויך די באַלעבאַטים. דער הער שימשון האָט געהאט פאַרזיכערט זיינע קאָלעגן, אַז אויף דער פאַרזאַמלונג וועט דער שטרייק געפירט ווערן צו קבורה און דערמיט האָט ער ווידער באַוויזן איינצוהאַלטן אַרום זיך זיין מחנה, ביז די אַרבעטער וועלן האָבן אָנגענומען זייער באַשלוס.

יענע געדענקווירדיקע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען ביים סוף פון דער זעקס־טער וואָך פונעם שטרייק, אינעם „פּאַווילִיאָן־טעאַטער" אין ווייטשעפּעל. זי האָט זיך אָנגעהויבן אינמיטן נאַכט, ווייל נאָכמיטיק און ביינאַכט איז דאָרט געשפּילט געוואָרן טעאַטער, אַזוי אַז מ'האָט אונדז געקאָנט איבערגעבן דעם זאַל ערשט נאָכן פאַרענדיקן די ביינאַכטיקע פאָרשטעלונג. דאָס טעאַטער איז געווען איבערגעפּולט ביז צום לעצטן פּלאַץ און אינדרויסן האָבן זיך געשטופּט גרויסע מאַסן, וועלכע האָבן שוין נישט געקאָנט אַריין אינעווייניק און זיי האָבן שווייגנדיק אָפּגעוואַרט אויפן באַשלוס פון דער פאַרזאַמלונג. די שטימונג איז געווען אַ שווערע און דריקנדיקע. פון די שווייגנ־דיקע און פאַרזאָרגטע פּנימער פון דידאָזיקע מענטשן האָט מען געקאָנט אַראָפּלייענען, וואָס אַזוינס עס שטייט פאַר זיי אין קאָן. דער פאַרזיצער פונעם שטרייק־קאָמיטעט, אינדזער חבר י. קאַפּלאַן, האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג מיט אַן ערנסטער רעדע, וועלכע איז געווען צוגעפּאַסט צו דער דרינגלעכקייט פון דער לאַגע. דער עולם האָט אים אויסגעהערט שווייגנדיק, אָן קעגנערישקייט און אָן אָוואַציעס, מיט אַ שווער־געמיטיקער אויפמערקזאַמקייט, וואָס אַזאַ האָט מען ביי מאַסן־פאַרזאַמלונגען קיינמאָל נישט באַמערקט. נאָכדעם ווי קאַפּלאַן האָט געענדיקט זיין רעדע, האָט ער געגעבן דאָס וואָרט מיר, אָפּצוגעבן אַ פולשטענדיקן באַריכט וועגן דער לאַגע פונעם שטרייק און וועגן די אויסזיכטן פון די אַרבעטער אין אָט־דעם שווערן קאַמף, וועלכער איז ביז איצט געפירט געוואָרן מיט אַזוי פיל אויסדויער און זעלטענער קרבנות־גרייטקייט.

ווען איך בין געשטאַנען אויף דער טריבונע האָט זיך געהערט אַ טעמפּער זשום אין זאַל, וועלכער איז איינגעשטילט געוואָרן ווי נאָר איך האָב אַרויסגערעדט די ערשטע עטלעכע ווערטער. איך האָב געזען די בלאַסע, פון דער לעבנסנויט מאַרקירטע פּנימער פון אָט־דעם טויזנטער־קעפּיקן עולם, וועלכער האָט זיך דאָ פאַרזאַמלט אינ־מיטן דער נאַכט, כּדי אָנצונעמען אַ באַשלוס, וועגן וועמעס וויכטיקייט קיינער האָט זיך נישט געקאָנט נאַרן. ס'איז מיר תּיכּף קלאָר געוואָרן, אַז מ'טאָר אָט די מענטשן, וועלכע האָבן זיך ביז איצט געהאַלטן אַזוי מוטיק אין זייער קאַמף, אויף ווייטער נישט מונטערן מיט אומבאַשטימטע האָפענונגען, נייערט זיי זאָגן דעם גאַנצן אמת, כּדי יעדער איינער זאָל פילן, אַז דער באַשלוס, וועלכער דאַרף אין יענער נאַכט אָנגענומען ווערן, איז אָפּהענגיק פון זיין אייגענער מיינונג. איך האָב גערעדט בערך אַ שעה צייט און האָב מיט דורכדרינגענדיקע ווערטער געשילדערט די גאַנצע אויס־וויקלונג פונעם שווערן קאַמף און אַלע יסורים און קרבנות, וואָס מ'האָט פאַר אים ביז דעמאָלסט אויפגעבראַכט. ווען איך בין לסוף צוגעקומען צום סוף פון מיין ריידן און פאַרענדיקט מיט די ווערטער: די אַנטשיידונג ליגט אין אייער אייגענער האַנט.

קיינער קאָן אייך נישט זאָגן, וואָס איר זאָלט טאָן. איר אַליין דאַרפט באַשטימען, וואָס ס׳זאָל ווייטער געשען. אָדער איר באַגנוגנט זיך מיט דעם, וואָס די באַלעבאַטים האָבן אייך נאָכגעגעבן, אָדער איר האַלט ווייטער אָן דעם קאַמף, ביז צום ביטערן סוף, ביז אייער לעצטע און וויכטיקע פאָדערונג וועט אויסגעקעמפט ווערן“. — דעמאָלסט האָט ווי א שטורעם דורכגעיאָגט דורכן גאנצן טעאַטער־זאַל און אלע האָבן געשריגן: „מיר וועלן נישט נאָכגעבן! ווייטער קעמפן! ווייטער קעמפן!“

דערמיט האָט געפלאַצט דאָס אייז. ווען דער פאָרזיצנדער האָט דורכגעפירט די אָפּשטימונג, האָט זיך אַפילו קיין איין שטים נישט אויפגעהויבן קעגן דער פאָרזעצונג פונעם שטרייק. דער רעזולטאַט איז באַגריסט געוואָרן מיט ברויזנדיקע אָוואַציעס, וועלכע האָבן זיך גאָרנישט געוואָלט ענדיקן. דעמאָלסט האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דער ניצחון איז אַ זיכערער און אַז דער אויסגאַנג פונעם קאַמף קאָן שוין נישט זיין קיין ספּקדיקער.

צומאָרגנס האָט זיך פאַרזאַמלט דער פאַריין פון די באַלעבאַטים, ביכדי צו נעמען אַ שטעלונג צו דער נייער סיטואַציע. אויך איצט האָט שימשון אויסגעפּרווּט אלע מיטלען, ביכדי צו באַוועגן די באַלעבאַטים אויסצוהאַלטן, אָבער אומזיסט איז געווען זיין מי. ס׳איז געקומען צו שטאַרקע סצענעס, וועלכע האָבן זיך פאַרענדיקט דערמיט, וואָס די גרויסע מערהייט האָט דערקלערט, אַז זי ציט זיך צוריק פונעם פאַריין, און וועלכן ס׳איז געבליבן בלויז א קליינע צאָל, וועלכע האָט פאַר אונדז שוין נישט געקאָנט זיין געפערלעך.

אין די שפּעטע נאָכמיטיק־שעהן האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע פאַרהאַנדלונגען מיט די באַלעבאַטים, וועלכע זיינען געקומען, ביכדי צו מאַכן א סוף צום שטרייק. ביכדי צו קענען בעסער קאָנטראָלירן דאָס שליסן די אָפּמאַכן, האָבן דער שטרייק־קאָמיטעט און דער אויסגלייך־קאָמיטעט פון אַרבעטער־פאַריין אָפּגעהאַלטן זייערע זיצונגען אינעם זעלבן לאָקאַל. צו אונדזער גרעסטער איבערראַשונג איז שימשון געווען צווישן די ערשטע, וועלכע האָבן זיך פּרעזענטירט, ביכדי צו בעטן פונעם אַרבעטער־פאַריין די דערלויבעניש צוריקצונעמען דיזעלבע אַרבעטער, וואָס ער האָט געהאַט פריער. ביי דער לעצטער פאַרזאַמלונג פון זיין צעפאַלענער אָרגאַניזאַציע האָט ער אפילו געהאַט דערקלערט, אַז ער וועט בעסער ליקווידירן זיין געשעפט איידער זיך אונטערוואַרפן אונטערן ווילן פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. קענטיק אָבער, אַז ער האָט זיך די זאַך איבערגעלייגט אין דער צווישנצייט און באַשלאָסן פּרווון אַראָפּ־שלינגען דעם ביטערן טראָפּן.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווי מיר איז אויסגעקומען צו זען דעמדאָזיקן מענטשן, וועמעס נידערטרעכטיקע מעטאָדן האָבן געבראַכט אזוי פיל יסורים און צרות אויף טויזנטער אַרבעטער און זייערע פאַמיליעס. זיין פּלוצימדיק באַוויזן זיך פאַרן שטרייק־קאָמיטעט האָט נאַטירלעך אַרויסגערופן גרויס אויפגעלייגטקייט און ס׳האָבן אַפילו נישט געפעלט קיין בייסיקע באַמערקונגען. אָבער דער פאָרזיצער פון דעם געוועזענעם „מייסטער־פאַרבאַנד“ האָט געמאַכט אַ גוטע מינע צום בייזן שפּיל און ס׳איז אים שטאַרק געגאַנגען אין דעם, אַז מ׳זאָל אים וואָס פריער אָפּפאַרטיקן.

אָבער אַזוי לייכט איז דער עינין נישט צוגעגאַנגען. דער שטרייק־קאָמיטעט האָט דערקלערט דעם הער שימשון, אז מיט אים וועט מען פאַרהאַנדלען ערשט נאָכדעם ווי מ׳וועט האָבן דערליידיקט מיט אַלע אַנדערע באַלעבאַטים. און אַזוי איז עס טאַקע געווען. שימשון, וועלכער האָט נאָך מיט אייניקע שעה פריער געשווירן, אז ער וועט גיכער ליקווידירן זיין געשעפט, איידער נאָכצוגעבן די גערעכטע פאָדערונגען פונעם פראָפעסיאָנעלן פאַריין, איז לסוף געווען געצווונגען, קעגן זיין ווילן, איינצוזען, אַז קיין שום אַרבעטער האָט צו אים נישט געוואָלט גיין אַרבעטן. ס׳איז אים געגאַנגען ווי דעם קאַפּיטאַן באָיקאָט אין אירלאַנד. מיט אייניקע חדשים שפּעטער איז ער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און פון דעמאָלסט אָן האָט מען פון אים גאָרנישט געהערט.

# אפּקלאַנגען פונעם גרויסן שטרייק

דער ניצחון פון די אַרבעטער איז פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון איסט־ענד באַגריסט געוואָרן מיט אומפאַרהוילענער שימחה. דאָס איז געווען דער שווער־סטער און גרעסטער קאַמף, וועלכן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין ענגלאַנד האָט ביז דעמאָלסט געהאַט אויסצושטיין און וועלכער איז געווען געריכטעט דירעקט קעגן דעם „שווי־צסיסטעם" גופא. און נאָך עפּעס ממשותדיקערס איז דורך אָט־דעם שטרייק דערגרייכט געוואָרן, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ ספּעציעלע וויכטיקייט. די ענגלישע אַרבעטער האָבן פון איצט אָן געקוקט מיט אַנדערע אויגן אויף די יידישע פּראָלע־טאַריער פון איסט־ענד, נאָכדעם ווי זיי האָבן באַוויזן, אַז זיי זיינען נישט געווען וויליק זיך צו לאָזן אויסנוצן ווי שטרייקברעכער קעגן זייערע ענגלישע חברים. אפילו ווען מיר וואָלטן דעם שטרייק געווען פאַרלוירן, וואָלט אָט־דער רעזולטאַט אליין שוין געהאַט געווען א מאָראַלישער ניצחון, וועלכער וואָלט נישט געקאָנט אָפּגעשאַצט ווערן צו הויך. דער גרויסער שטרייק פון יאָר 1912 האָט געבראַכט פאַר דער יידישער אַרבעטערשאַפט נישט נאָר גרויסע מאַטעריעלע געווינסן, ווייל ער האָט צום ערשטן מאָל געשאַפן די אמתע פאָרויסיקע באַדינגונגען פאַר רעגלמעסיקע אַרבעטספאַרהעל־טענישן, נייערט דער מוטיקער און אנטשלאָסענער אַרויסטריט פון די יידישע אַרבע־טער אין אָט־דעם שווערן קאַמף האָט פאַר זיי געבראַכט דעם איינשטימיקן דרך־ארץ פון זייערע ענגלישע אַרבעטס־חברים, וועלכער האָט שוין פון דעמאָלסט אָן דייך גאָרנישט געקאָנט צעטרייסלט ווערן. און דווקא אָט־דער מאָראַלישער ניצחון איז אפשר געווען מער ווערט ווי אלע אנדערע דערגרייכונגען, מחמת דאָס איז געווען אַ ליכטיקער ביישפּיל פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, וועלכער פאַרפעלט קיינמאָל נישט צו מאכן אַן איינדרוק.

דער פשוטער מענטש פון פאָלק איז תמיד געווינט צוצושרייבן דעם דערפאָלג פון גרויסע מאַסנבאַוועגונגען צו איינצלנע מענטשן, וועלכע ווערן ביי אים ווי אַ לעבעדיקער סימבאָל פון אַ זאַך, אזוי צו זאָגן. אויף דעם אופן אנטשטייען לעגענדעס, וועלכע זיינען בדרך־כלל וייט פונעם אמת און טאַקע דערפאַר נעמט מען זיי גיכער אויף ווי אמתן און מ׳גלייבט אין זיי. דאָס איז אויך געווען דער פאַל נאָכן גרויסן שטרייק פון יאָר 1912. איך האָב אין יענעם שטרייק געשפּילט אַן אקטיווע ראָל, פּונקט ווי א סך אַנדערע, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין שטער, אַז מ׳זאָל פאַר־שרייבן אויף מיין חשבון דעם הויפּט־חלק פונעם ניצחון. אַפילו ווען איך האָב נאָכדעם

געמאכט א רייזע איבער קאַנאַדע און די פאַרייניקטע שטאַטן זיינען צו מיר דערגאַנגען די אומגלויבלעכסטע געשיכטעס וועגן מיין דעמאָלסטיקער אַקטיוויטעט, וועלכע זיינען אויך אין יענע לענדער פאַרשפּרייט געוואָרן. געוויינלעך האָט עס זיך געהאַנדלט וועגן גרויסע איבערטרייבונגען פון געוויסע פּאַסירונגען, אָבער צומאָלס אויך פון זאַכן, וועלכע זיינען אפילו פאַר מיר געווען גענצלעך אומבאַקאַנט, און זיינען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדע, וועלכע איז פון אַ סך אָנגענומען געוואָרן ווי אַן אמת, ווי דאָס פּאַסירט אַזוי אָפט. איך האָב אין יענע שווערע קאַמפן זיכער אַוועקגע־געבן מיינע בעסטע כוחות און איך האָב נישט דורכגעלאָזט קיין שום מיטל, ביכדי צו דערפירן דעם קאַמף צו אַ מזל־ברכהדיקן סוף. אָבער דאָס נעמלעכע האָט דאָך אויך געקאָנט געזאָגט ווערן וועגן הונדערטער אַנדערע, וועלכע האָבן זיכער געטאָן דאָס־זעלביקע. אָבער מיר אַלע צוזאַמען וואָלטן דאָך גאָרנישט געווען געקאָנט אויפטאָן, ווען די אַרבעטערמאַסע וואָלט נישט געווען אַרויסגעוויזן אַזויפיל מוט און אַזויפיל אויסדויער. זיכער האָבן מיר געטאָן דאָס בעסטע, ביכדי אויפצוהאַלטן דעם מוט ביי די אַרבעטער און צו קרעפטיקן זייער ווידערשטאַנדקראַפט, און געטאָן האָבן מיר עס פונעם גאַנצן האַרץ, נישט האָבנדיק אין זין קיין שום פּערזענלעכן אינטערעס אָדער נוצן. דאָס האָבן געוווּסט די אַרבעטער און דעריבער האָבן זיי אונדז געשענקט דעם אומבאַדינגטן צוטרוי. אין אַזעלכע מאַסנקאַמפן שפּילט נאַטירלעך די רעדנערישע פעיקייט א וויכטיקע ראָל. דאָס אַרויסגערעדטע וואָרט, וועלכעס קומט דירעקט פון מויל צום אויער, מאַכט שטענדיק אַ שטאַרקערן איינדרוק ווי די בעסטע שריפטלעכע אויספירן. דאָס איז אויך געווען די סיבה, פאַרוואָס מיין דעמאָלסטיקע אַקטיוויטעט איז פון א סך אַזוי אומגעהייער איבערגעשאַצט געוואָרן. מיר איז דאָס גאַנץ אָפט געווען זייער אומבאַקוועם, מחמת ווען איך פלעג נאָכן שטרייק אַרויסגיין אין גאַס, האָב איך זיך כמעט נישט געקאָנט אויסהיטן פון עפנטלעכע דאַנק־אויסדרוקן. די דאַנקבאַרקייט פון דידאָזיקע דערשלאָגענע יידישע פּראָלעטאַריער פאַר מיין הילף אין זייער שווערן קאַמף איז געווען פשוט אין לשער.

נאָך היינט דערמאָן איך זיך אין א קליינעם עפּיזאָד, וועלכער האָט אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. ווען איך בין אין אַ געוויסן טאָג געגאַנגען מיט מילין אין איינעם פון יענע שמאָלע, וויסטע געסלעך פונעם געטאָ, האָט מיך דערזען אַ יונגע פרוי, וועלכע איז געזעסן מיט אירע קינדער נעבן דער טיר פון איר הויז. ווי נאָר זי האָט מיך דערזען, איז זי צוגעקומען צו מיר און מיט קענטיקער גערירט־קייט א זאָג־געטאָן צו מיר: „טוט מיר אַ טובה, איך בעט אייך, וואַרט־צו א וויי־לינקע, כדי דער זיידע זאָל אייך קענען באַגריסן". איך האָב צוגעוואַרט און ס'איז אַרויסגעקומען פונעם הויז אַן אַלטיטשקער מאַן מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, וועלכער האָט זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס. ער האָט מיר דערלאַנגט די ציטערנדיקע האַנט און געזאָגט: „זאָל אייך גאָט שענקען נאָך 100 יאָר. איר האָט געהאָלפן מיינע קינדער, ווען די נויט איז געווען צום גרעסטן. טאַקע אַ גוי, אָבער פאָרט א מענטש, אַ מענטש!"

דערדאָזיקער אַלטיטשקער ייד האָט געלעבט אין אַ וועלט, וועלכע איז געווען

גאַנץ אַנדערש ווי די מייניקע. אָבער די דאַנקבאַרקייט, וועלכע האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיינע האַלב־בלינדע אויגן, איז דווקא געווען רירנדיק און איך האָב געפילט, נישט דאָס ערשטע מאָל, אַז דאָס רייןְ־מענטשלעכע איז פיל שטאַרקער אין אונדז, ווי אַלע אונטערשיידן פון אָפּשטאַם און פון דער אינערלעכער איבערצייגונג. יענער קליינער עפּיזאָד האָט מיר, אַגב, געוויזן, וואָס פאַראַ טיפע ווירקונג יענער גרויסער שטרייק האָט געהאַט אויף אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין איסט־ענד.

בעת דער שטרייק פון די יידישע אַרבעטער האָט געהאַט אַ גינציקן סוף, איז דער גרויסער שטרייק פון די לאָנדאָנער פּאָרט־אַרבעטער געוואָרן אַלץ האָפענונגסלאָ־זער, נאָכדעם ווי ער האָט במשך פון עטלעכע חדשים געהאַלטן געשפּאַנט די עפנט־לעכע מיינונג פון גאַנץ ענגלאַנד. דער שטרייק האָט זיך אָנגעהויבן אַרום דער זעלביקער צייט ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער שטרייק פון די יידישע שניידער און ער האָט דערפירט, ווי שוין דערמאָנט, צו אייניקע בשותפותדיקע מאַניפעס־טאַציעס פון די ענגלישע און יידישע אַרבעטער. דאָס, וואָס האָט יענעם קאַמף צוגע־געבן אַ באַזונדערן באַטייט, איז נישט געווען בלויז דער אומשטאַנד, וואָס ער האָט פולשטענדיק פּאַראַליזירט דעם גאַנצן פאַרקער אינעם לאָנדאָנער האַפן, נאָר דאָס, וואָס ער איז פּראָוואָצירט געוואָרן דורך אַ געמיינעם ברוך פון אַן אָפּמאַך מיצד די באַלעבאַטים. די פּאָרטאַרבעטער האָבן דעמאָלסט באַלאַנגט צו די צום ערגסטן באַצאָלטע אַרבעטער אין ענגלאַנד. בלויז אַ קליינע צאָל פון זיי האָט פאַרדינט מער ווי אַ פונט אַ וואָך, בעת טויזנטער האָבן, נישט געקוקט אויף זייער שווערער האָ־רעוואַניע, קוים געקאָנט אויסאַרבעטן 15 שילינג אַ וואָך. מיט אַ יאָר צוריק האָבן די פּאָרטאַרבעטער נאָך אַ קורצן שטרייק אויסגעפועלט אַ באַשיידענע פאַרבעסע־רונג אין זייער לאַגע און געצוווּנגען די באַלעבאַטים צו שליסן אַן אָפּמאַך מיט זייער פאַריין אויפן קומענדיקן יאָר. אָבער זעקס חדשים שפּעטער האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז די „שיפּינג פעדעריישאָן" האָט דורך אַלערליי כיטרע שטיק און הינטער־וועגעלעך דירעקט באַגנבעט די אַרבעטער אויף אַ באַטרעף פון 48.000 פונט פון זייער מאָגערן לוין. ווען די פאַרטרעטער פונעם אַרבעטערפאַריין האָבן זיך גע־ווענדט וועגן דעם צו די אונטערנעמער, האָבן זיי שאַרף אָפּגעוואָרפן יעדע פאַר־האַנדלונג און צוליב דעם זיינען אַרום 70.000 אַרבעטער אַרויס אין שטרייק.

דער פּאָרזיצער פון דער „שיפּינג פעדעריישאָן", לאָרד דיוועגפּאָרט, אַ ברוּ־טאַלער האַרטהאַרציקער אויטאָקראַט, וועלכער האָט די אַרבעטער קיינמאָל נישט געקאָנט מוחל זיין דערפאַר, וואָס זיי האָבן מיט אַ יאָר צוריק געצוווּנגען די אָרגאַ־ניזאַציע פון די באַלעבאַטים נאָכצוקומען אייניקע קליינע פאָדערונגען, האָט גאַנץ אָפן דערקלערט, אַז ער וועט צעברעכן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די פּאָרט־אַרבעטער, מעג דאָס אים אַפילו קאָסטן מיליאָנען. ווען די ליבעראַלע רעגירונג האָט דערנאָך געפּרוווט דורכצופירן פאַרהאַנדלונגען צווישןביידע צדדים און האָט פאַר דעם צוועק צונויפגערופן אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ, האָט די „שיפּינג פעדעריישאָן" פּשוט אָפּגעוואָרפן איר באַטייליקונג. אַזוי ווי לאָרד דיוועגפּאָרט איז פון דער רע־

גירונג גופא געהאט באַשטימט געוואָרן ווי דער שעף פון דער פאַרוואַלטונג פונעם לאָנדאָנער האפן, האָט זי לייכט געקאָנט, ווען זי וואָלט געוווען געהאַט מוט, עפּעס טאָן, ביכדי אָפּצושאַפן לאָרד דייווענפּאָרטס דיקטאטור. אָבער אַזעלכעס האָבן די פאָרשטייער פון דער רעגירונג נישט געקאָנט פועלן ביי זיך. האָבן זיי זיך בלויז צופרידנגעשטעלט מיט אַן אָפענער דערקלערונג, אין וועלכער זיי האָבן אָנערקענט ווי גערעכטע די פאָדערונגען פון די אַרבעטער. אָבער ווייטער ווי ביז אַהער האָבן די ליבעראַלע הערן נישט געוואָלט גיין, הגם זיי זיינען מחויב געווען דאָס צו טאָן, ווייל דער שטרייק איז זיך אינגיכן צעוואקסן אין אַן עקאָנאָמישער קאַטאַסטראָפע, פון וועלכער ס׳זיינען אויך געשעדיקט געוואָרן אַזעלכע אַרבעטס־צווייגן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום אוממיטלבאַרן שייכות מיטן שטרייק. די פאַרוואַלטונג פונעם לאָנדאָנער פּאָרט האָט דורך דעם שטרייק פאַרלוירן זעקס ביז זיבן מיליאָן פונט; די פּאָרט־אַרבעטער פון איינעם ביז אָנדערהאַלבן מיליאָן אין שכירות, און דער היזק, וועלכן ס׳האָבן געהאַט די קליינע סוחרים, ביי וועמען די אַרבעטער פלעגן איינקויפן די זאַכן פאַר זייערע באַדערפענישן, האָט אויך באַטראָפן קרוב צו צוויי מיליאָן פונט.

דער אומאָפּפרעגבאַרער פאַקט, אַז דער שטרייק איז אויף א לייכטזיניקן אופן פּראָוואָצירט געוואָרן דירעקט פון לאָרד דייווענפּאָרט און דער „שיפּינג פעדערייי־שאָן״, האָט אַרויסגערופן א פאַרביטערונג אפילו אין יענע קרייזן, וועלכע זיינען געוויינלעך נישט גאָר פריינטלעך צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. א גאַנצע ריי בירגערלעכע טאָג־צייטונגען האָט דורכגעפירט עפנטלעכע זאַמלונגען פאַר די שטריי־קער און געשיקט גאַנצע וואַגאָנעס מיט לעבנסמיטלען צום פּאָרט. די עפנטלעכע מיינונג איז בפירוש געווען גוט געשטימט צו די שטרייקנדיקע ארבעטער, ביפרט ווען ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז די באַלעבאַטים צאָלן די צוגענומענע שטרייק־ברעכער פינף שילינג א שעה, ד. ה., מער ווי די שטרייקנדיקע אַרבעטער האָבן געקאָנט פאַרדינען אין צוויי וואָכן.

וואָלטן זיך די ענגלישע טרייד־יוניאָניסטישע אָרגאַניזאַציעס דעמאָלסט געווען אַנטשלאָסן צו אַן ענערגישער אַרויסטרעטונג קעגן דער אויטאָקראַטישער אַמביציע פון לאָרד דייווענפּאָרט און זיינע אָנהענגער, וואָלט דער שטרייק אין א קורצער צייט געווען א געוווּנענער. פאַקטיש האָט אין יענער צייט געהערשט א גוטע שטי־מונג צווישן די קוילנגרעבער, אייזנבאַנער און אַנדערע טראַנספּאָרטאַרבעטער פאַר אַ סאָלידאַריטעט־שטרייק. זיינען אָבער ספּעציעל די פירער פון די אייזנבאַנאַרבע־טער אַרויסגעטראָטן קעגן דעם מיט אַלע מיטלען. בלויז די לאָנדאָנער טראַנספּאָרט־אַרבעטער האָבן זיך מיט אייניקע וואָכן שפּעטער אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג, צוליב וואָס די צאָל פון די שטרייקער איז דערגאַנגען צו 140.000. אויך אין אַנדערע פּאָרטן פונעם לאַנד איז עס געקומען צום אָפּשטעל פון דער אַרבעט. אָבער אָט־די אַלע פּרווון האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַט, ווייל ס׳האָט געפעלט דער באַוועגונג איינהייטלעכקייט. די אייזנבאַנער זיינען געשטאַנען מין הצד און זיי האָבן אַפילו נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אָפּצושטעלן דעם פאַרקער אינעם לאָנדאָנער האַפן גופא, ווו

ס'איז אַנגעגאַנגען דער שטרייק. אַנשטאָט זיך צו פאַרנעמען מיט אַן ענערגישער פאַרטיידיקונג, האָט מען כסדר געטרייסט די שטרייקער מיטן תירוץ, אַז אָט־אָט וועט זיך אַריינמישן דער פּאַרלאַמענט אָדער מיט אַנדערע אויסריידן, וועלכע האָבן אָבער צו גאָרנישט דערפירט. יעדער מענטש מיט אַביסל גראָדן שכל האָט געמוזט פאַרשטיין, אַז מיט אַזאַ שמאָלקעפּיקן דעספּאָט ווי דייווענפּאָרט מוז מען רעדן מיט אַן אַנדער לשון, ביכדי אים עפּעס צו געבן צו פאַרשטיין. די מיינונג, אַז ס'וועט מעגלעך זיין צו מאַכן אַ סוף צום שטרייק דורך אַ באַשלוס פונעם פּאַרלאַמענט, איז געווען לגמרי אַן אויסקוק אויף דערפאָלג, ווייל נישט די קאָנסערוואַטיווע און אויך נישט די ליבעראַלע פּאַרטיי האָבן געהאַט דעם מינדסטן חשק אַנצוקומען צו אַזאַ מיטל. אַזוי האָט מען אומזיסט געוואַרט אויפן גרויסן נס, וועלכעס האָט נישט גע־וואָלט קומען, אַנשטאָט אַנצוווענדן דאָס איינציקע מיטל, וועלכעס איז געווען צוגע־פּאַסט צו דער סיטואַציע. ביי אַזעלכע אומשטענדן האָט שוין געמוזט קומען צו דעם, אַז דער אַרבעטערשטרייק, וועלכער איז ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן הונגערשטרייק, זאָל לסוף בלייבן שטיין אויף אַ טויטן פּונקט.

און ס'איז דאָך געווען קלאָר, אַז אַ קאַמף פון אַזאַ פאַרנעם קאָן נישט געווינען ווערן מיט עפנטלעכע געלט־זאַמלונגען. אפילו די גרעסטע געלט־סומעס, וועלכע ווערן אויף אַזאַ אופן צונויפגעזאַמלט, ווערן צונישט ווי אַ טראָפּן וואַסער אויף אַ הייסן שטיין. די שטרייקער און זייערע פאַמיליעס האָבן אויסגעמאַכט אַ באַפעל־קערונג פון מער ווי 300.000 נפשות און ס'איז מיט דער צייט געוואָרן אוממעגלעך אָט־די גרויסע צאָל צו באַזאָרגן אפילו מיטן מינימאַלסטן, וואָס זיי האָבן געדאַרפט האָבן, פאַר זייער עקזיסטענץ. ווען דער שטרייק האָט זיך פאַרצויגן וואָס ווייטער אַלץ לענגער, האָט מען געזוכט צו פאַרלייכטערן די לאַסט פון די שטרייקער דער־מיט, וואָס מ'האָט אַ גרויסע צאָל פון זייערע קינדער פונאַנדערגעטיילט צווישן אַנדערע פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך פרייוויליק אָנגעבאָטן פאַר דעם צוועק. דאָס האָט לפּחות געהאַט די מעלה, וואָס אַ גרויסע צאָל פון אָט־די אָרעמע קינדער איז דערווייל געראַטעוועט געוואָרן פון דער ביטערסטער נויט.

אויך די יידישע אַרבעטער האָבן זיך אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן באַטייליקט אין אָט־דעם זעלטענעם אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט, הגם זיי האָבן נאָר־וואָס גע־האַט פאַרענדיקט זייער אייגענעם שווערן קאַמף, וועלכער האָט געהאַט אַרומגעכאַפּט טויזנטער פאַמיליעס און זיי שטאַרק אויסגעמוטשעט. דעם 21טן יוני האָט דער „אַרבייטער־פריינד" פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף מיטן קעפּל: „העלפט די הונגערנדיקע קינדער!", וועלכער האָט צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט תיכף באַקומען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג. די אַנאַרכיסטישע פעדעראַציע האָט אין דערזעלביקער וואָך צונויפגערופן די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען צו אַ ספּעציעלער קאָנפערענץ, צו וועלכער אַלע זיינען געגרן געקומען. יענע קאָנפערענץ האָט אויסגעקליבן אונדזערע חברים ס. פּלאַשאַנסקי און ל. זאַבעלינסקי ווי סעקרעטאַר און קאַסירער פון אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך תיכף פאַרנומען מיט דער פּראַקטישער טעטיקייט און טאַקע געטאָן אויסגעצייכנטע אַרבעט. די פאַמיליעס, וועלכע זיינען

געווען גרייט צו נעמען קינדער צו זיך, האָבן צוגעשיקט זייערע אַדרעסן צום סעקרעטאַר פונעם קאָמיטעט. נאָכדעם זיינען צוויי אָדער דריי מיטגלידער, על־פי־רוב פרויען, אַוועק צו די באַטרעפנדיקע פאַמיליעס, ביכדי צו זען, צי די דאָזיקע מענטשן זיינען אינדעראמתן פאסיק און פאראַנטוואָרטלעך צו נעמען פרעמדע קינדער צו זיך. ס'פלעגט דערביי גאַנץ אָפט קומען צו אויסטערלישע סצענעס. אייניקע פון אָט־די אָרעמע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט א גוטן ווילן אויפצונעמען א קינד, זיינען קוים געווען אימשטאַנד צו דערנערן זייערע אייגענע קינדער און אונדזערע חברים האָבן געמוזט באַנוצן די גאַנצע באַריידעוודיקייט זייערע, ביכדי אַזעלכע מענטשן אָפּצורעדן פון זייער לויבנסווערטער כוונה. פונקט ווי שטענדיק האָט זיך אויך דאָ אַרויסגעוויזן, אַז דווקא ביי די אָרעמע איז דער סענטימענט פאר מיטגעפיל אָפט געווען צום שטאַרקסטן אנטוויקלט, מחמת זיי האָבן פון אייגענעם דורכלעב געוווסט, וואָס דאָס איז אַזוינס נויט און עלנט.

יעדעס מאָל, ווען מיר האָבן אויסגעפונען פאסיקע היימען פאר די קינדער, פלעגט מילי על־פי־רוב אין דער באַגלייטונג פון אונדזער רוסישן חבר טשערקעסאָוס פרוי אָדער פון אַנדערע חברטעס, אַוועק אין דער געגנט פון פאָרט, ביכדי ביים שטרייק־קאָמיטעט צו נעמען די נעמען און אדרעסן פון די שטרייקנדיקע אַרבעטער, וועלכע זיינען וויליק איבערצוגעבן זייערע קינדער אין אונדזער רשות. זיי פלעגן דערביי זיין עדות פון דער שרעקלעכער נויט, וועלכע האָט אין יענעם טייל פון לאָנדאָן אפילו אין נאָרמאַלע צייטן אַרויפגעלייגט איר בולטן חותם אויף די מענטשן און זייער סביבה. די קינדער, וועלכע מיר האָבן גענומען צו זיך, האָבן זיך כימעט אלע געפונען אין אַ נעבעכדיקן צושטאַנד, דער רוב פון זיי איז געווען אונטערדערנערט און געמאַכט אַזאַ איינדרוק, וואָס ס'איז אים שווער צו באַשרייבן. אייניקע פון די דאָזיקע קינדער האָבן אַפילו נישט געהאַט קיין העמד אויפן לייב און זיי האָבן געטראָגן די שמוציקע שמאַטעס, וועלכע מ'האָט גערופן מלבושים, אויפן הוילן קערפער. אנדערע זיינען אַרומגעלאָפן באָרוועס אָדער בלויז געהאַט אויף די פיס שטיקלעך פון דעם, וואָס איז אַמאָל געווען שיך.

נאָך הייגט דערמאָן איך זיך זייער שטאַרק אין יענער געדענקווירדיקער פאַרזאַמלונג אין טאָוער היל קורץ פאַרן סוף פונעם שטרייק, אויף וועלכער בען טיליעט, דער פירער פונעם גרויסן שטרייק, האָט פאַרענדיקט זיין רעדע מיט אָט־די ווערטער: "God strike Lord Davonport dead!" (גאָט, שיק־אָן אויף לאָרד דייווענפּאָרט דעם טויט!). און די גרויסע מאַסע, אַ דערשלאָגענע פון דער ביטערסטער נויט, האָט טעמפּ און ערנסט נאָכגעזאָגט זייער פירערס קללה. דעמאָלסט האָט זיך אין דער רעאַקציאָנערער פרעסע אויפגעהויבן א שטורעם פון אויפברויז און אייניקע צייטונגען האָבן געפאָדערט פון דער רעגירונג דעם תיכפדיקן אַרעסט פון בען טיליעט צוליב מכלומרשטער אויפפאָדערונג צו מאָרד. איך מיין, אַז אַ סך פון אָט־די אידעלע מענטשנפריינט פון די רעאַקציאָנערע צייטונגען וואָלטן אפשר געווען אביסל איינגעהאַלטענער מיט זייער געקינסטלטן אויפברויז, ווען זיי וואָלטן געווען געזען

די אָרעמע קינדער, וועלכע זיינען צום שווערסטן געטראָפן געוואָרן פון דער אומ־מענטשלעכער ברוטאַליטעט פון אַ האַרצלאָזן און מאַכט־באַגעריקן דעספּאָט.

ווי נאָר די קינדער זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אין זייערע נייע היימען, האָט דער קאָמיטעט תיכף געלאָזט וויסן די עלטערן זייער נייעם אַדרעס, כדי זיי זאָלן זיי קאָנען באַזוכן און אַליין זען, אַז עס פעלט זיי דאָרט גאָרנישט. אזוי אַרום פלעגן זיך אַנטוויקלען פריינטשאַפטלעכע פארהעלטענישן נישט נאָר צווישן די קינדער, נייערט אויך צווישן זייערע עלטערן, אַ פריינטשאַפט, וועלכע האָט צומאָלס אין א סך פאלן אויך אָנגעהאַלטן נאָכן שטרייק, אַזעלכע ממשותדיקע באַווייזן פון אמתער סאָלידאַריטעט און קעגנזייטיקער הילף פירן צונויף מענטשן פיל נענטער ווי די שענסטע טעאָריעס.

אויף דעם אופן איז אונדז געלונגען צו באַזאָרגן מער ווי דריי הונדערט קינדער צווישן יידישע אַרבעטער־פאַמיליעס. אין אַ סך פאַלן האָבן דידאָזיקע מענטשן געהאַלטן אָט־די קינדער במשך פון אַ סך וואָכן נאָכן שטרייק, ביכדי צו געבן די מעגלעכקייט זייערע עלטערן צו קומען צו זיך פון דער שווערער נויט, וועלכע האָט דאָרט געהערשט. און נישט נאָר דאָס: די קינדער, וועלכע זיינען געהאַט איבערגעגעבן געוואָרן פאר אונדזער אָפּהיטונג, זיינען אַלע פארזאָרגט געוואָרן מיט גרעט, מלבושים און שיך. ס'איז געווען אַ גרויסע קלייט אין מילי ענד ראוד, וועמעס אייגנטימער האָבן אונדז גאָר שטאַרק צוגעהאָלפן אין דעם. נישט בלויז האָבן זיי אונדז געשענקט א סך מלבושים, נאָר אַלץ, וואָס מיר האָבן געדאַרפט האָבן פאַר די קינדער, האָבן זיי אונדז צוגעשטעלט פארן קאָסטפּרייז. דאָס איז צווישן א סך אנדערע געווען נאָך אַ באַוויז, ווי שטאַרק צוגעניינגט די עפנטלעכע מיינונג איז געווען פארן שטרייק פון די פּאָרטאַרבעטער.

דער גרויסער שטרייק פון די יידישע שניידעראַרבעטער און ספּעציעל די אַקטיווע באַטייליקונג, וואָס אונדזערע חברים האָבן געהאַט אין אָט־דעם שווערן געראַנגל, האָט אויף אונדזערע ענגלישע און אויסלענדישע חברים אין לאָנדאָן געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. מאַלאַטעסטאַ, טשערקעסאָוו, טאררידא דעל מאַרמאָל, קיל, טוירנער און א סך אנדערע זיינען בשעתן שטרייק כימעט יעדע וואָך געקומען אין איסטענד, ביכדי פון די ערשטע קוואַלן צו באַקומען ידיעות וועגן דעם צושטאַנד פון דער באַוועגונג. אויך קראָפּאָטקין, וועמעס געזונטצושטאַנד איז אין יענער צייט נישט געווען מיט אַלעמען, איז מיט דער שטאַרקסטער שפּאַנונג נאָכגעגאַנגען די אַנטוויקלונג פונעם קאַמף, וועגן וועלכן טשערקעסאָוו און שאַפּיראָ האָבן אים כסדר אינפאָרמירט. איך האָב דעם אַלטיטשקן שוין פאר א לאַנגער צייט נישט געהאַט געזען און איך בין פונעם שטרייק געווען אַזוי שטאַרק אויסגעמוטשעט, אַז איך האָב זיך אומבאַדינגט געמוזט נעמען אַביסל אָפּרו. אָבער מיטאַמאָל האָב איך באַקומען אַ קורץ בריוול פון אים, אין וועלכן ער האָט מיך געבעטן ביי דער ערשטער געלעגנהייט צו מאַכן אַ באַזוך ביי אים און ביי זיין פאַמיליע. האָב איך טאַקע באַלד אָנגענומען די פריינטלעכע פאַרבעטונג.

די קראָפּאָטקינס האָבן מיט א צייט צוריק געהאַט אויפגעגעבן זייער וווינונג

אין בראמליי און זיי האָבן דעמאָלט געוווינט אין אַ פאָרשטאָט צו צפון פון לאָנדאָן, נישט ווייט פון האַי גייט. ווען איך בין אין אַ נאָכמיטיק צום ערשטן מאָל אָנגעקומען אין זייער נייער וווינונג, בין איך פון פּיאָטרן און סאָפיאַן אויפגענומען געוואָרן מיט דער גרעסטער האַרציקייט, צו וועלכער זיי זיינען געוווינט. נאָכדעם ווי איך האָב זיך קודם־כל אָרומגעקוקט אין זייער נייער היים, האָבן מיר באַלד פאַרפירט אַ לעבהאַפטיקן און אינטערעסאַנטן שמועס, וועלכער האָט זיך בעיקר געדרייט אַרום דעם גרויסן שטרייק און זיין גליקלעכן סוף. איך האָב זיי ביידן דערציילט די פּרטים פון דער גאַנצער אויסוויקלונג פונעם שווערן געראַנגל. זיי האָבן זיך מיט דער גרעסטער שפּאַנונג צוגעהערט צו מיינע רייד און נישט מיד געוואָרן זיך נאָכצופרעגן אויף די קלענסטע פּרטים. נאַטירלעך האָבן זיי אויך געהערט וועגן דעם, אַז מיר האָבן באַלד נאָכן שטרייק צוגענומען צו זיך אייניקע הונדערט ענגלישע קינדער. ווען איך האָב זיי אויך וועגן דעם איבערגעגעבן אייניקע אינטערעסאַנטע איינצלהייטן, זיינען די גוטע אַלטיטשקע אַזוי שטאַרק גערירט געוואָרן, אַז די אויגן זיינען ביי זיי פייכט געוואָרן.

„אַ פּרעכטיקער זשעסט פון אָט־די אָרעמע יידישע אַרבעטער נאָך דעם אַלעם, וואָס זיי האָבן אַליין דורכגעמאַכט", האָט ער געזאָגט, און מיט מערקבאַרער צופרידנקייט אַריבערגעפירט די האַנט איבער זיין געדיכטער באָרד. „מ'וועט זיי דאָס זיכער נישט פאַרגעסן! זיי האָבן געטאָן מער ווי מ'האָט פון זיי אין בעסטן פאַל געקאָנט דערוואַרטן".

„אַזוי איז עס טאַקע", האָב איך געענטפערט. „דער אויפפיר פון אָט־די־דאָזיקע פּשוטע אַרבעטער, וועלכע ס'קומט אויס אַזוי שווער צו קעמפן מיט דער נויט פון לעבן, איז זיכער אַ שיינער צושטייער צום גרויסן קאַפּיטל פון דער קעגנזייטיקער הילף".

דער אַלטיטשקער האָט מיר פעסט געדריקט די האַנט און אַ זאָג־געטאָן: „כל־זמן ס'איז נאָך צווישן די מאַסן פאַראַן אַזאַ גייסט אָדער ער קאָן לייכט אויפגעוועקט ווערן, האָבן מיר נישט קיין מאָטיוו צו זיין ברוגז אויפן גורל און צו פאַרצווייפלען אינעם מענטשן. פון אַזעלכע געשעענישן לערנט מען מער ווי פון די בעסטע ביכער. דאָס, וואָס דרינגט־אַרויס פונעם לעבן גופא, איז תמיד שטאַרקער ווי דאָס, וואָס מ'זעט געדרוקט אויפן פּאַפּיר, וועלכעס איז דאָך, סוף־כל־סוף, נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ בלאַסע אָפּשפּיגלונג פון דער לעבעדיקערווירקלעכקייט".

אין אָוונט זיינען געקומען צוגאַסט טשערקעסאָוו און זיין פרוי און טאַרידזאַ. דער שמועס איז ווידער אַרויפגעקומען אויף די געשעענישן אין איסט־ענד און איז באַלד אַריבער אויף דער סינדיקאַליסטישער אַרבעטערבאַוועגונג אין די לאַטיינישע לענדער, ביי וואָס קראָפּאָטקין האָט באַמערקט, אַז די נייע באַוועגונג גיט מאָטיוון פאַר די בעסטע האָפענונגען, ביתנאי אויב זי וועט זיין אימשטאַנד זיך אויסצושפּרייטן אויך אין די אַנדערע לענדער, זיך אין זיי פאַרפונדעווען און איר אַנטוויקלונג וועט נישט איבערגעריסן ווערן דורך אַ נייער מלחמה, ווי דאָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1870 מיט דער באַוועגונג פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל. טאַרידזאַ

און איך האָבן זיך געפילט אביסל געטראָפן פון אָט־דער באמערקונג, מחמת פּיאָטר האָט נאָך מיט א צייט צוריק זיך אויסגעדריקט אין ענלעכע טערמינען אין אונדזער אַנוועזנהייט. פונקט ווי ביי יענעם מאָל האָבן מיר אויך איצט געמיינט, אז ס'זיינען ביי די איצטיקע אומשטענדן נישט פאראן קיין מאָטיוון מורא צו האָבן פאר א מילחמה. אָבער דער אלטיטשקער איז נישט געווען אַזוי אָפּטימיסטיש וועגן דער סיטואַציע ווי מיר און זייער ערנסט א זאָג־געטאָן: „די סכנה איז א סך גרעסער ווי דער רוב מיינט און באגרייפט און אויב אלע סימנים נאַרן נישט אָפּ, וועלן איבער־איאָר ווידער נעמען דאָס וואָרט די קאַנאָנען, אויב גאנץ אומגעריכטע געשעענישן וועלן נישט קומען פארהיטן פון דער קאטאסטראָפע".

קראָפּאָטקין האָט געהאט גאָר א סך איינפלוסרייכע פארבינדונגען און מיר האָבן געוווסט, אַז ער, וועלכער איז, לויט זיין גאנצן כאראקטער, נישט קיין שווארצזעער, וואָלט זיך נישט אַרויסגעזאָגט אזוי פּעסימיסטיש וועגן דער סיטואַציע, ווען ער וואָלט נישט געהאט קיין וואָגיקע מאָטיוון פאַר דעם. פונדעסטוועגן האָט זיך אונדז אויך דאָס איצטיקע מאָל זיין נבואה נישט געוואָלט לייגן אויפן שכל. דער טעמפּע־ראַמענטפולער טאַררידא האָט דעריבער געמיינט, אז אין אַזאַ פאל וועט אויך די אַרבעטערבאוועגונג האָבן א וואָרט אינעם עינין, מחמת אין א מילחמה האָט זי מער וואָס צו פארלירן ווי יעדער אַנדערער. אויף דעם האָט אים פּיאָטר געענטפערט, אז אין פראנקרייך קאָן מען נאָך מיסתמא רעכענען אויף א קעגנאַקציע פון די ארבע־טער, אָבער ס'איז שטאַרק אין ספק, צי וועט אויך די דייטשע אַרבעטערשאפט האָבן מוט אונטערצונעמען אַן אלגעמיינע אקציע קעגן קריג. און אויב דאָס וועט זיין אַזוי, קומט דאָך אויס, אז א גענעראלשטרייק אין פראנקרייך וועט זיין דאָסזעלביקע ווי אַ נאַציאָנאלער זעלבסטמאָרד און בלויז פארלייכטערן דעם געפערלעכן שפּיל פונעם דייטשן גענעראלשטאַב.

ווי א דייטש האָב איך שוין צו גוט געוווסט, אז קראָפּאָטקינס מיינונג וועגן דער דייטשער אַרבעטערבאוועגונג איז צו גוט באַרעכטיקט. דער איינפלוס פון דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראטיע איז אין אויסלאַנד צו שטאַרק איבערגעשאצט געוואָ־רן. אָבער יעדער איינער, וועלכער איז געווען נענטער באַקאַנט מיט די אמתע פאַר־העלטענישן אין דייטשלאַנד, האָט זיך קוים געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אין אַן ערנסטן פאל וועלן די פירער פון דער פארטיי פועלן ביי זיך אונטערצונעמען אַ ווירקלעכע אַקציע. ס'זיינען געווען מער מאָטיוון מורא צו האָבן, אַז אויך אין אַזאַ פאַל וועלן זיי שלום מאַכן מיט די פאַקטן, אויב נאָר די דייטשע רעגירונג וועט בפירוש זיין אַנט־שלאָסן אַרויסצוגיין אין מילחמה. האָב איך אויך נישט געקענט געבן מיינע פריינט קיין גרויסע האָפענונגען, פאַר וועלכע ס'זיינען נישט געווען קיין שום באגרינדונ־גען. פונדעסטוועגן האָט זיך מיר פאָרט אויסגעוויזן, אַז פּיאָטר האָט געזען די לאַגע ערגער ווי זי איז געווען אין דער ווירקלעכקייט. אויך טאַררידאַ האָט געהאַט די־זעלביקע מיינונג.

דאָס איז געווען אין אויגוסט 1912. דער קריג איז טאַקע נישט געקומען אין קומענדיקן יאָר, נאָר מיט אַ יאָר שפּעטער און אונדז באַוויזן, אַז קראָפּאָטקין האָט גע־

זען די אַלגעמיינע לאַגע אין אייראָפּע בעסער ווי מיר. ווען מיר האָבן זיך יענעם אָוונט געזעגנט מיט פּיאָטרן און סאָפּיען, האָט אונדז דער אַלטיטשקער שטארק געדריקט די הענט און געזאָגט: „איך וויל פון גאַנצן האַרץ האָפן, אַז איר זיינט גערעכט אין אייער מיינונג, אָבער איך שרעק זיך, אַז די לאַגע וועט זיך אויסגעשטאַלטיקן אַנדערש".

דער אַלטיטשקער האָט גוט געזען. ס'איז טאַקע אַלץ געקומען אַנדערש, ווי מיר האָבן זיך עס פאָרגעשטעלט.

# מאַלאַטעסטאַס פאַראורטיילונג

דעם 20טן מאַי 1912 איז אין דער אַלטער געריכט־געביידע פון אלד ביילעי אין לאָנדאָן פאָרגעקומען אַ פּראָצעס קעגן עריקאָ מאַלאַטעסטאַן, וועלכער האָט נישט נאָר אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג פון ענגלאַנד, נייערט אויך בולט אַנגעוויזן, אַז די פאַרשאַרפונג פון די געזעצלעכע פאַראָרדענונגען קעגן אויסלענדישע פאַר־ברעכער, וועלכע זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין שייכות און ווי אַ פּועל־יוצא פון די געשעענישן אין האונדסדיטש און סידניי־סטריט, קאָנען לייכט אויסגענוצט ווערן פון רעאַקציאָנערע אָדער פּניותדיקע ריכטער, כדי צו מאַכן ווערטלאָז דאָס אַזיל־רעכט פאַר פּאָליטישע פּליטים. דעם מאָטיוו פאַר יענעם פּראָצעס האָט געגעבן דער אָנקלאָג קעגן מאַלאַטעסטאַן פאַר באַליידיקונג מיצד אַ געוויסן ענניא בעלעלי, וועלכער פלעגט במשך פון אַ סך יאָרן קומען צווישן די איטאַליעני׳שע אַנאַרכיסטן אין לאָנדאָן, איז אָבער שפּעטער צוליב אַן ערנסטן חשד פון אַלעם אויסגעמיטן גע־וואָרן. די פּרטים, ווי אַזוי ס׳איז אויפגעקומען דער חשד קעגן בעלעליץ, זיינען דע־מאָלסט געוועזן באַקאַנט בלויז פאַר מאַלאַטעסטאַן און נאָך עטלעכע נאָענטע און זיי זיינען אויך שפּעטער קיינמאָל נישט דערמאָנט געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט. זיי זיינען אָבער פונדעסטוועגן אַזוי אינטערעסאַנט, אַז עס לוינט זיי צו דערציילן, כדי זיי אויסצוהיטן פון פאַרגעסנקייט.

מיר האָבן שוין אויף אַן אַנדער אָרט דערציילט, אַז זיגפריד נאַכט, וועלכער איז געשטאַנען מיט מאַלאַטעסטאַן און אַנדערע איטאַליענישע חברים אין לאָנדאָן אין נאָענטע באַציונגען, איז אין יאָר 1910 אָפּגעפאָרן קיין רוים. דער אוממיטלבאַרער מאָטיוו פאַר דער רייזע איז געווען אָט־וועלכער: נאַכט האָט מיט איניקע יאָר צוריק געהאַט איבערגעזעצט דאָס באַקאַנטע און פאַרנעמיקע ווערק פונעם איטאַליענישן געלערנטן סאָקיאַלי „ל׳אַנאַרקיאַ" אין דער דייטשער שפּראַך און ער האָט זיך אַזוי אַרום געשטעלט אין שריפטלעכן קאָנטאַקט מיטן מחבר. סאָקיאַלי, וועלכער איז נישט געווען קיין אַנאַרכיסט, און ער האָט געוווּסט, אַז מ׳האָט מיט זיבן יאָר צוריק אַרויסגעשיקט נאַכטן פון איטאַליע, האָט אין לוצאַטיס מיניסטעריום פאַר־נומען די שטעלע פון ערשטן סעקרעטאַר אינעם מיניסטעריום פאַר עפנטלעכע אַרבעטן. אַזוי ווי נאַכט האָט אים נאָך פריער געהאַט געשריבן, אַז ער וואָלט זיך גערן געוואָלט באַזעצן אין איטאַליע, ווען זיין פריערדיקע אַרויסשיקונג וואָלט פאַר אים נישט געווען קיין שטער, האָט אים סאָקיאַלי געעצהט צו קומען אומבאַמערק־

טערהייט קיין רוים, ווו ער וועט זיך שוין באמיען, אַז זיין אויסווייזונג זאָל פונעם בייעם מיניסטעריום צוריקגעצויגן ווערן. אַזוי איז עס טאַקע געווען. אָבער נאַכט האָט זיך דערביי געמוזט פארפליכטן נישט אָנצוהאלטן קיין שום באַציונגען, נישט קיין שריפטלעכע און נישט קיין פערזענלעכע, נישט מיט די אנארכיסטן פון איטאַליע און נישט מיט די איטאַליענישע אנארכיסטן אין לאָנדאָן כל־זמן ער וועט זיך אויפ־האַלטן אין איטאַליע.

פאַר זיין אָפּפאָר פון לאָנדאָן קיין איטאַליע האָט נאַכט געלאָזט וויסן בלויז זיין פריינט ספּיזיאַקאָ און מאַלאַטעסטא וועגן זיין פּלאַן און זיי געבעטן צו זאָגן יעדן איינעם, וואָס וועט אויף אים פרעגן, אַז ער איז אָפּגעפאָרן קיין פּאָרטוגאַל. דורך דער פאַרמיטלונג פון אייניקע פריינט אין רוים האָט ער דאָרט באַקומען א שטעלע איגעם אינטערנאַציאָנאַלן אינסטיטוט פאר לאנדווירטשאַפט ווי דער רעדאַקטאָר פונעם ביבליאָגראַפישן ביולעטין. אלעס איז געווען אין דער בעסטער אָרדענונג און נאַכט איז געווען שטאַרק צופרידן מיט זיין נייער שטעלע, ביפרט וואָס אין לאָנדאָן האָט ער געמוזט טאָן אלע מעגלעכע אַרבעטן, ביכדי צו פאַרדינען אויף חיונה.

מיטאַמאָל האָט ער באַקומען אַ פאַרבעטונג זיך צוצושטעלן צום אינערנמיניס־טער, קאַליסאַנאָ. קאַליסאַנאָ האָט אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער האלט נאָך אלץ אָן באַציונגען מיט די איטאַליענישע אַנאַרכיסטן אין לאָנדאָן און ער האָט זיי אפילו געשיקט געלט, ווי דאָס איז אים באַקאַנט פון א גאַנץ זיכערן קוואַל. דערביי האָט ער אַרויסגענומען פון שרייבטיש א בריוו און פאַרגעלייענט פאר נאַכטן א שטעלע, אין וועלכער ס'האָט זיך בערך געזאָגט אָט־וואָס: „נאַכט איז איצט אין פאָרטוגאַל, ווו זיין אויפהאַלט איז א מאָטיוו פון זאָרג צוליב דער איצטיקער רעוואָלוציע דאָרט".

נאַכט האָט אים געענטפערט, אַז ער, קאַליסאַנאָ, ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז ער איז נישט אין פאָרטוגאַל, נייערט אין רוים. ער האָט אויך נישט געלייקנט, אַז ער האָט געשיקט זיין פריינט ספּיזיאַקא אין לאָנדאָן פּופּציק שילינג, וועלכע ער האָט אים געבאָרגט, ביכדי צו דעקן די רייזע־הוצאות קיין רוים, וועלכעס איז טאַקע געווען דער ריינער אמת, ווי נאַכט אַליין האָט מיר פאַרזיכערט. דער מיניסטער האָט זיך צופרידנגעשטעלט מיט אָט־דער דערקלערונג און דערמיט איז דער ענין געווען דערליידיקט. מיט א צייט שפּעטער איז ספּיזיאַקא געקומען קיין רוים און באַזוכט נאַכטן. די ערשטע פראַגע, וואָס ער האָט אים געשטעלט, איז געווען, פאַרוואָס ער האָט אַליין דערציילט, אַז ער האָט באַקומען געלט פון אים פון רוים. ספּיזיאַקא האָט דערקלערט גאַנץ קאַטעגאָריש, אַז ער האָט מיט קיינעם וועגן דעם נישט גע־רעדט, אָבער אַז פּונקט דעמאָלסט, ווען דאָס געלט איז אָנגעקומען, איז בעלעלי געווען ביי אים און ער האָט געהערט, ווי דער בריווטרעגער האָט א זאָג־געטאָן: „געלט פון א הער נאַכט", נישט אָנגעבנדיק, פון וואַנען דאָס געלט קומט.

נאַכטן איז דער ענין אַריין אין דער נאָז. ער האָט תיכף אויף אַן אומדירעקטן אופן געלאָזט אָנפרעגן מאלאטעסטאַן, צי א סך מענטשן האָבן געפרעגט אויף זיין אויפהאַלטס־אָרט. אויף דעם האָט אים מאַלאַטעסטאַ געענטפערט, אַז קיינער האָט זיך נישט אינטערעסירט מיט זיין פּלוצימדיקן פארשווינדן פון לאָנדאָן, מיטן אויס־

באַם פונעם „אימבעסילע בעלעלי", ווען מ'האָט געזאָגט, אַז ער איז אין פּאָר־טוגאַל. דערמיט איז קלאָר באַוויזן געוואָרן, אַז נישט קיין אַנדערער ווי נאָר בעלעלי האָט געקאָנט האָבן געלאָזט וויסן דער איטאַליענישער פּאָליציי, וועלכעס איז, אַגב, גאַנץ זיכער געווען אַרויסצודרינגען פון דער אומפאַרזיכטיקער באַמערקונג פונעם מיניסטער קאַליססאַנאַ אין זיין שמועס מיט נאַכטן. נאָכט האָט תיכף געלאָזט וויסן וועגן דעם גאַנצן עינין מאַלאַטעסטאַן און בעלעליס ראָל איז געווען אַ פאַרענדיקטע.

דאָס, וואָס בעלעלי האָט אַזוי לאַנג געקאָנט פראַווען זיינע טונקעלע שטיק, קאָן דערקלערט ווערן בלויז מיט זיין ספּעציעלער כיטרעקייט און פלינקייט, מיט וועל־כע ער האָט געשפּילט זיין ראָל, צו וועלכער ער איז אפשר פון דער פּאָליציי גופא ספּעציעל דרעסירט געוואָרן. ער האָט זיך נעמלעך תמיד געהאַלטן פּונקט פאַרקערט, ווי מ'איז געוווינט ס'זאָל זיך האַלטן אַן אַגענט־פּראָוואָקאַטאָר. זיין האַלטן זיך איז תמיד געווען אַ שטאַרק מעסיקע; ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַנוצט מיט קיין שטאַרקע ווערטער, איז געווען קעגן אַלע עקסטרעמע פּאַרלייגן און אַרויסגע־וויזן אַ געוויסע שרעקעוודיקייט, וועלכע, ווי ס'האָט זיך איצט אַרויסגעוויזן, איז בלויז געווען פּאָזע, אָנשטעל, אָבער אים דערפאַר נאָך בעסער אויסגעהיט פון יעדן חשד. אויפן סמך פון דעם האָט מען אים אין די קרייזן פון די איטאַליענישע חברים אין לאָנדאָן באַטראַכט ווי אַן אומשעדלעך שוואַך מענטשעלע, וועמען קיינער האָט ניט גענומען ערנסט. ביי אַזעלכע אומשטענדן האָט ער געקאָנט שפּילן זיין ראָל ביז צום סוף, ווען ס'איז דורכן צופאַל פון קליינע צופעליקייטן גאַנץ פּלוצים אַראָפּגעריסן געוואָרן פון אים די מאַסקע.

די איטאַליענישע חברים אין לאָנדאָן, וועלכע זיינען, פּונקט ווי זייערע חברים אין איטאַליע, אַרויסגעטראָטן שאַרף קעגן דעמאָלסטיקן קריג אין טריפּאָלי און די איטאַליענישע רעגירונג אַליין געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן בלוטבאָד אין צפון־אַפריקע, האָבן געגעבן בעלעלין, וועלכער האָט זיך פּלוצים געזען דעמאַסקירט און איזאָלירט, א גוטע געלעגנהייט זיך נוקם צו זיין פאַר זיין דורכפאַל און ער האָט גענומען פאַרשפּרייטן דעם קלאַנג, אַז מאַלאַטעסטאַס שטעלונג צו דער מילחמה לאָזט אַרויסדרינגען, אַז ער ווערט באַנוצט ווי אַן אגענט פון דער טערקישער רעגירונג פאַר אירע צוועקן.

מאַלאַטעסטאַ האָט דעריבער אין אַפּריל 1912 פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף אין דער איטאַליענישער שפּראַך: צו דער איטאַליענישער באַפעלקערונג אין לאָנדאָן — אַ פּערזענלעכער עינין. אין אָט־דעם אויפרוף איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער פאַקט, אַז אינעם לאַגער פון די איטאַליענישע רעוואָלוציאָנערן איז פאַראַן דער באַגרינדעטער חשד, אַז בעלעלי שטייט אין דינסט פון דער איטאַליענישער פּאָליציי און פון אים פאַרלאַנגט עפנטלעך צו באַווייזן, פון וואָס ער פאַרדינט אויף זיין פּרנסה. יעדער מענטש מיט אַ ריינעם געוויסן וואָלט זיך זיכער אָנגעכאַפּט אין אָט־דער געלעגנהייט, כדי זיך אָפּצוטרייסלען פונעם חשד, וועלכער איז אויף אים געוואָרפן געוואָרן. אינדעראמתן האָט בעלעלי נישט געהאַט קיין באַשטימטע באַשעפטיקונג; ער פלעגט כסדר דערציילן, אַז ער קויפט־אויף אַלטע און זעלטענע ביכער, ביכדי

זיי צו פאַרקויפן צו רייכע קאָלעקציאָניסטן. אָנשטאָט נאָכצוגעבן מאַלאַטעסטאַס פאָ־דערונג און עפנטלעך באַווייזן, פון וואָס ער האָט זיין פרנסה, האָט ער בעסער געוואָלט אָנגעבן קעגן אים אין געריכט פאַר באַליידיקונג.

דער ריכטער, וועלכער האָט זיך געדאַרפט אַרויסזאָגן וועגן דעם ענין, איז געווען באַקאַנט ווי אַן אולטראַ־רעאַקציאָנערער טאָרי און דורך זיין גאַנצן אויפפיר און פּראָצעדור האָט ער ביי די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען באַוויזן, אַז פאַר אים האָבן די באַגריפן אַנאַרכיסט און פאַרברעכער בערך דעמזעלביקן באַטייט. ער האָט אַפילו שפּעטער אין זיין באַגרינדונג צום אורטייל דערקלערט, אַז דער אומשטאַנד, וואָס מאַלאַטעסטאַ איז אַן אַנאַרכיסט, האָט נישט געשפּילט קיין שום ראָל אין זיין אַנט־שיידונג, אָבער שוין דער פאַקט גופא, וואָס ער האָט פאַרבעטן דעם אינספּעקטאָר פּאַיעל פון סקאָטלאַנד יאַרד ווי אַן עדות, ביכדי אָפּצוגעבן אַ באַריכט וועגן מאַלאַ־טעסטאַס פּאָליטישער טעטיקייט, האָט אָפּגעלייקנט זיין דערקלערונג. די פאַרבעטונג פון אַ פאָרטרעטער פון דער פּאָליטישער פּאָליציי אין אַ פּשוטן פּראָצעס וועגן באַ־ליידיקונג איז געווען אַן אומדערהערטע פּראָצעדור און מ׳האָט זיך דעריבער געקאָנט משער זיין, אַז דער ריכטער איז בכיוון אויסן געווען זיך צו באַנוצן מיט דער אידעאָ־לאָגיע פונעם אָנגעקלאָגטן, ביכדי צו באַיינפלוסן די געשווירענע. חוץ דעם האָט זיך אויך געלייגט אויפן שכל, אַז טאַקע סקאָטלאַנד יאַרד גופא האָט געעצהט בע־לעלין אָנצוקלאָגן מאַלאַטעסטאַן.

ווען מאַלאַטעסטאַס פאַרטיידיקער האָט גענומען בעלעלין אויפן פאַרהער, האָט דער לעצטער דערקלערט, אַז זינט די לעצטע פינף יאָר האָט ער מיט די אַנאַר־כיסטן נישט קיין שום באַציונגען און אַז זיינע באַציונגען מיט מאַלאַטעסטאַן האָט ער איבערגעריסן אויפן גרונט פון דער האָונדסדיטש־אַפערע. די ערשטע דערקלערונג איז געווען אַ באַשיימפערלעכער ליגן, וועלכע האָט לייכט געקאָנט אָפּגעוואָרפן ווערן; די צווייטע איז געווען אַ דירעקטע נידערטרעכטיקייט, וועלכע איז בלי ספק פריער אונטערגעזאָגט געוואָרן בעלעלין פון דער פּאָליטישער פּאָליציי. אויפן אַדוואָקאַטס אָנפרעג, צי וויל ער דערמיט געבן אָנצוהערן, אַז מאַלאַטעסטאַ איז פּערזענלעך געווען באַטייליקט אין יענער אַפערע, האָט בעלעלי געענטפערט מיט די גאָרנישט זאָגנדיקע ווערטער: „איך וויל לגמרי נישט געבן אָנצוהערן“.

דער אינספּעקטאָר פּאָועל האָט דערקלערט, ווי אַן עדות, אַז מאַלאַטעסטאַ איז פון זינט אַ סך יאָרן שוין באַקאַנט דער פּאָליציי ווי איינער פון די געפערלעכסטע אַנאַרכיסטן, וועלכער איז צוליב זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אַרויסגעשיקט געוואָרן כימעט פון אַלע לענדער פון אייראָפּע. ווו נאָר ער האָט זיך באַוויזן, מעג עס זיין אין פראַנקרייך, עגיפּטן, שפּאַניע, בעלגיע, אַרגענטינע א.א.וו. אומעטום איז זיין אָנוועזנהייט געווען אַ מאָטיוו פאַר ערנסטע אומרוען. ער האָט אויך דערמאָנט די האָונדסדיטש־אַפערע, הגם ער האָט דערביי נישט געמאַכט קיין דירעקטע באַשול־דיקונגען קעגן מאַלאַטעסטאַן. פאַר אים איז גענוג געווען דורך זיינע רייד צו וואַרפן אַ שאָטן פון חשד אין די צעשראָקענע נשמות פון די חשובע פיליסטער און דעם רעשט איבערלאָזן פאַר זייער פאַנטאַזיע. צום סוף האָט ער נאָך דערקלערט, אַז

איניקע פון מאלאטעסטאס נאָענטע באקאנטע זיינען לעצטנס געשטאַנען פאַרן געריכט פאַר גלעלטפעלשונג און זיי זיינען פארורטיילט געוואָרן. אָבער וועגן די נעמען פון אָט־די מכלומרשטע באַקאַנטע און דאָס אָרט, ווו דאָס איז פאָרגעקומען, האָט ער נישט געזאָגט קיין איין וואָרט, הגם מאלאטעסטאס אַדוואָקאַט האָט פון אים דריי מאָל געפאָדערט צו ברענגען אמתע באַווייזן פאַר זיין באַשולדיקונג.

די פאַרטיידיקונג, וועלכע האָט נאָך פון פריער געוווסט וועגן פאָועלס אויפטרעטן ביים פראָצעס, האָט דעריבער פאַרבעטן אונדזער אלטן חבר ו. טשערקעסאָוו, אַז ער זאָל עדות זאָגן וועגן מאלאטעסטאס כאראקטער. טשערקעסאָוו, וועלכער איז אין אַלע קרייזן פון דער פאָליטישער עמיגראַציע געווען שטאַרק אָנגעזען און איז פון זינט אַ סך יאָרן געווען מאַלאַטעסטאַס אַ גאַר נאָענטער פריינט, האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אים מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט זיינער און דערקלערט, אַז ער איז שטאָלץ אויף מאַלאַטעסטאַס פריינטשאַפט, מחמת ער האָט אין זיין לעבן נישט באַגעגנט אַ מענטשן, וועלכער זאָל זיין ערלעכער און ריינער אין זיין אופן פון דענקען. אָבער זיינע ווערטער האָבן נישט געהאַט קיין שום ווירקונג און אָפּקלאַנג אין אָט־דער פאַרשטיקטער לופט פון בלינדע פאָרורטיילן און פון פריער געשאַפענע מיינונגען. דער סוף איז געווען, אַז מאַלאַטעסטאַ איז פאַרמישפּט געוואָרן צו דריי חדשים צוואַנגסאַרבעט. חוץ דעם — און דאָס איז געווען דאָס מאָנסטרועזע אינעם גאַנצן עינין — האָט דער ריכטער רעקאָמענדירט דעם אינערן־מיניסטער אַרויסצושיקן דעם פאַרמישפּטן פון לאַנד. אָט־די רעקאָמענדאַציע אַרויסצושיקן פון לאַנד איז געווען אַ נייער פונקט אין די פאַרשאַרפטע איינוואַנדערונגס־געזעצן, וועלכע פלעגט ביז איצט אָנגעווענדט ווערן נאָר קעגן בפירושע פאַרברעכער. מאַלאַטעסטאַס שולד האָט אפילו אין ערגסטן פאַל בלויז געקאָנט באַטראַכט ווערן ווי אַ באַליידיקונג אויף אַ פריערדיקער באַליידיקונג, אָבער בשום אופן נישט ווי אַ געמיין פאַרברעכן. און נאָך וויניקער האָט עס אַזעלכעס געקאָנט זיין אין מאַלאַטעסטאַס קאָנקרעטן פאַל, מחמת אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אַזאַ אַרויסטרעטונג ווי זיינע דאָס איינציקע מיטל ווי אַזוי צו באַשיצן די באַוועגונג פון די טונקעלע אינטריגעס פון דער פאָליטישער פאָליציי און אירע אַגענטן.

ווען דער מיניסטער זאָל טאַקע טאָן דאָס, וואָס דער ריכטער רעקאָמענדירט אים, איז דעמאָלסט דאָס גאַנצע אַזילרעכט נישט מער ווי אַ פּוסט וואָרט, ווייל יעדער פאָליטישער פליכטלינג האָט זייער לייכט געקאָנט פאַרוויקלט ווערן דורך וועלכן ס'איז אויסוווּרף אין אַן ענלעכער פאַסטקע, ביפרט ווען דער פאָליטישער פאָליציי זאָל שטאַרק גיין אין לעבן אים צו פאַרוויקלען אין אַזאַ פאַסטקע, ביכדי אים צו קאָנען אַרויסשיקן פון לאַנד.

מאַלאַטעסטאַס פאַרטיידיקער האָט תיכף אַפּעלירט קעגן מישפּט, כדי אים צו ברענגען צום העכערן געריכט, אָבער דער טריבונאל פאַר קרימינעלער אַפּעלאַציע האָט אָט־דעם רעקורס תיכף אָפּגעוואָרפן מיט דער מאָדנער באַגרינדונג, אַז ס'איז נישטאָ גאָרנישט וואָס איינצווווענדן קעגן דער פּראָצעדור פונעם ערשטן געריכט, ווייל דער חשד אין שפּיאָנאַזש צווישן אַנאַרכיסטן קאָן זייער לייכט דערפירן צו אַ

מאָרד, אַ זאַך, וואָס איז נישט אין איינקלאַנג מיט די פּאָליטישע געוווינהייטן אין דעם לאַנד. דערמיט איז פאַרן פאַרמישפּטן אָפּגעשניטן געוואָרן די מעגלעכקייט פאַר יעדער ווייטערדיקער אַפּעלאַציע צו אַ העכערער אינסטאַנץ, און דאָס נישט אויפן סמך פון אַ באַשטימטן פאַקט, נאָר אויפן סמך פון א פוסטער השערה, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין דער פאַנטאַזיע פון א קאַלעגיום פון ריכטער.

אָבער ווען אפילו געריכטלעך האָט דער עיניך געקאָנט באַטראַכט ווערן ווי פאַרענדיקט, האָט מען אָבער נישט געקאָנט שטערן, אַז ער זאָל ווערן א מאָטיוו פון אַ ווייט־פאַרצווייגטער פּראָטעסט־באַוועגונג, וועלכע איז אַרויסגעטראָטן נישט נאָר קעגן דעם מישפּט גופא, נייערט אויך אַרויסגעשטעלט די אינטריגעס פון דער פּאָליטישער פּאָליציי אויף אזא אופן און אין אַזאַ ליכט, וועלכעס האָט אירע פאַר־שטייער נישט פאַרשאַפט קיין כבוד. חוץ דער איטאַליענישער פאַרטיידיקונגס־קאָ־מיסיע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן נאָך פאַרן פּראָצעס, איז געשאַפן געוואָרן אַ מאַלאַטעסטא־פאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט, צו וועלכן ס'האָט באַלאַנגט אַ היפּשע צאָל אַנגעזעענע און באַקאַנטע פּערזאָנען. דער ערשטער שריט פון אָט־דער קערפּערשאַפט איז געווען אַ שאַרפער אויפרוף: צו די מענער און פרויען פון לאָנדאָן, אין וועלכן עס איז ווי געהעריק אַרומגערעדט געוואָרן די גאַנצע מאָנסטרועזישקייט פונעם מישפּט קעגן מאַלאַטעסטאַן און ס'זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן די אומגליקלעכע רעזולטאַטן זיינע פאַר דער זיכערקייט פונעם אַזילרעכט. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר און מיט אונדז די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט אין לאָנדאָן האָבן פון אָנהייב אָן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דערדאָזיקער פּראָטעסט־באַוועגונג, ווייל יעדער איינער האָט געפילט, וואָס דאָ שטייט אין קאָן.

ס'איז געווען כאַראַקטעריסטיש, אַז דער מישפּט קעגן מאַלאַטעסטאַן איז אַק־צעפּטירט געוואָרן בלויז פון אייניקע אולטראַרעאַקציאָנערע צייטונגען. אַ גרויסע טייל פון די ענגלישע צייטונגען האָט זיך באַצויגן זייער סקעפּטיש צו דער באַגריני־דונג זיינער און א סך בלעטער האָבן אין משך פון א סך וואָכן פאַרעפנטלעכט אָן אַ שיעור בריוו פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פּערזאָנען פון זייער לייענערקרייז, וועל־כע האָבן פּראָטעסטירט קעגן מאַלאַטעסטאַס מישפּט. דער „מאַנטשעסטער גאַרדיען" האָט איינעם נומער פון 25טן מאַי געבראַכט אַן אויסגעצייכנטן לייטאַרטיקל פון דער רעדאַקציע, וועלכער האָט זיך מוטיק אַרויסגעשטעלט פאַרן אַלטן רעוואָלוציאָנער און מיט דער גאַנצער קאַטעגאָרישקייט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער פּראָצעדור פונעם ריכטער, ווייל ער האָט פאַרבעטן א פאַרשטייער פון דער פּאָליטישער געהיימפּאָליציי ווי אַן עדות, ביכדי צו באַווירקן די געשוווירענע און די עפנטלעכע מיינונג קעגן מאַלאַטעסטאַן. דער פאַרטיידיקונגסקאָמיטעט האָט תיכף גלאַט אָפּדרוקן אָט־דעם אויסגעצייכנטן אַרטיקל אין דער פאָרעם פון אַ פלוגבלעטל און עס פאַרטיילט אין פיל טויזנטער עקזעמפּליאַרן. אַ ספּעציעלע סענסאַציע איז געווען קראָפּאָטקינס אַ בריוו אין דער „ניישאָן". אין וועלכן ער האָט זיך שטאַרק אַרויסגעשטעלט פאַר דער באַפרייונג פון זיין אַלטן פריינט און פאַר אים אויסגעשטעלט אזא פערזענלעכן דאָקו־מענט, וועלכער האָט יעדן אָביעקטיוון מענטשן געמוזט באַוועגן צום פאַרטראַכטן זיך.

וואָס אָבער די עפנטלעכקייט האָט דעמאָלט נישט געוווּסט, איז געווען, אַז קראָ־פּאָטקין האָט געמאַכט א פּערזענלעכן באַזוך ביים ליבעראַלן מיטגליד פון דער רעגירונג דזשאָן בוירנס, מיט וועמען ער איז נאָך פון פריער געווען זייער גוט באַ־קאַנט, און פון אים פאַרלאַנגט אויסצונוצן זיין איינפלוס נישט צו דערלאָזן צו מאַ־לאַטעסטאַס אויסווייזונג. ס'איז דערביי צווישן אים און בוירנסן געקומען צו א גאַנץ שאַרפן וויכוח, ווי קראָפּאָטקין אליין האָט עס מיר שפּעטער דערציילט. בוירנס האָט זיך לכתחילה געהאַלטן גאַנץ קאַלט צום עינין און זיך אויסגעדריקט, אַז מאַלאַ־טעסטאַ איז אַליין שולדיק אין זיין לאַגע, ווייל ער האָט גוט געקענט די שטרענגקייט פונעם ענגלישן ליבעל לאָוס און ער האָט זיך נישט געדאַרפט שטעלן אין סכנה. קראָפּאָטקין, וועלכער האָט זיך אויפגערעגט צוליב דער פילאָזאָפ׳ישער רואיקייט, מיט וועלכער דער געוועזענער בונטאַר האָט באַטראַכט מאַלאַטעסטאַס פאַל, האָט בוירנסן דערמאָנט אין זיין אייגענער פאַרגאַנגענהייט, ווען ער האָט אין יאָר 1889, בראש פון די שטרייקנדיקע פּאָרטאַרבעטער, אויפגעטרייסלט לאָנדאָנס רייכע געגנטן און ביי איינער אַזאַ געלעגנהייט טאַקע אַריינגעפאַלן אין תפיסה. בוירנס האָט אים אויף דעם געענטפערט, אַז ער איז שוין לאַנג געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז געווען א נאַרישקייט. האָט אים קראָפּאָטקין אויף דעם איינגעווענדט, אַז מ'מעג זיין דאַנקבאַר דעם גורל, וואָס ס'זיינען נאָך אַלץ פאַראַן מענטשן אויף דער וועלט, וועלכע זיינען גרייט צו באַגיין אַזעלכע נאַרישקייטן, כדי צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פונעם כלל. אוודאי קאָן מען אַזוי אַרום נישט דערגיין צו פאַרנעמען אַ מיניסטערפאָרטפעל... דאָ האָט זיך בוירנס שטאַרק צעלאַכט אויפן גאַנצן קול. ווייל נישט געקוקט אויף די ענדערונגען, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, האָט מען אים פונ־דעסטוועגן נישט געקאָנט אָפּלייקענען קיין שטאַרקן פּערזענלעכקייטגעפיל. און ער האָט גוטמוטיק אָ זאָג־געטאָן: „נו, צו קיין אַרויסשיקן וועט עס מיסתמא נישט דער־גיין, אָבער זיינע דריי חדשים וועט ער שוין מוזן אָפּקומען".

דעם 23טן מאַי האָבן צוויי דעפּוטאַטן פון דער לאַבאָריסטישער פּאַרטיי און דער ליבעראַלער דעפּוטאַט הערוויי אינטערפּעלירט דעם אינערנמיניסטער אין דער דעפּוטאַטנקאַמער וועגן מאַלאַטעסטאַס פאַל. דזש. ראַמזיי מאַקדאָנאַלד האָט זיך שטאַרק אָנגענומען פאַר מאַלאַטעסטאַן און געוואָרנט דעם מיניסטער פאַר איבערגע־איילטע שריט, וועלכע קאָנען לייכט האָבן שלעכטע פאָלגן. וויל טאַרן האָט אויפגע־פאָדערט דעם אינערמיניסטער, אַז ביים אונטערזוכן דעמדאָזיקן פאַל זאָל ער באַ־זונדערס אין זין האָבן, אַז מ'האָט צום פּראָצעס געבראַכט א פאַרשטייער פון דער פּאָליטישער פּאָליציי צו רעדן קעגן מאַלאַטעסטאַן און אַז דערמיט האָט מען עובר געווען קעגן אלע געזונטע פּרינציפּן פון רעכט און גערעכטיקייט. טאַרן האָט זיך אַרויסגעזאָגט זייער אומגינציק וועגן אינספּעקטאָר פּאָועלס עדות־זאָגן פאַרן געריכט און דערקלערט, אַז ער האָט דאָרט געמאַכט א גאַנצע ריי שווערוואַגיקע באַהויפּ־טונגען, הגם ער האָט זייער גוט געוווּסט, אַז מאַלאַטעסטא האָט געלעבט אין לאַנד צוועלף יאָר צייט און ער האָט קיינמאָל נישט עובר געווען אויף די עקזיסטירנדיקע געזעצן. אין זיין ענטפער האָט דער מיניסטער פאַרזיכערט, אַז ער וועט דעם עינין

שענקען די פולע אויפמערקזאמקייט און ער האָט באַרואיקט די אינטערפּעלירער, אַז אויב זייערע באַהויפּטונגען זיינען אמת, וועט קיין שום ענגלישער אינערנמיניס־טער אין אַזאַ פאַל נישט אויספאָלגן דעם ריכטערס רעקאָמענדאַציע אַרויסצושיקן דעם אָנגעקלאָגטן.

דער מיניסטער האָט זיכער געהאַט גוטע מאָטיוון צו זיין פאָרזיכטיק, ווייל די גרויסע צאָל פּראָטעסט־דערקלערונגען, וועלכע ער האָט באַקומען פון די בראַנזשן פון די גרעסטע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, אַזעלכע ווי די מינענאַרבעטער, אייזנבאַנער, פּאָרטאַרבעטער, ים־לייט, קעסלשמידער, מעכאַניקער, גאַזאַרבעטער א.ד.גל. אַזוי אויך פון אַ גרויסער צאָל אַנדערע קערפּערשאַפטן האָבן געמוזט מאַכן אַן איינדרוק אויף אים. גאָר באַזונדערס האָט אים געמוזט געבן שטאָף צו פאַרטראַכטן זיך אַ שריפטלעכע ווענדונג פון דער איטאַליעניִשער איינוואַנדערשאַפט אין וויז־לינגטאָן, וווּ מאַלאַטעסטאַ האָט געוווינט, וועלכע איז געווען באַדעקט מיט טויזנטער אונטערשריפטן, און אים באַוויזן, אַז דאָרט האָט מען אַן אַנדערע מיינונג וועגן פאַר־משפטן ווי אין געריכט־זאַל פון אַלד ביילעי און אין די אינפאָרמאַציעס פון דער פּאָליטישער פּאָליציי. פאַקטיש איז מאַלאַטעסטאַ צווישן זיינע לאַנדסלייט אין וויז־לינגטאָן, וווּ יעדעס קינד האָט אים געקאָנט, געווען אַזוי שטאַרק באַליבט און רעס־פּעקטירט ווי מיסתמא קיין שום אַנדערער.

דעם 9טן איז פאָרגעקומען די ערשטע גרויסע מאַניפעסטאַציע אין טראַפאַל־גאַר־סקווער פאַר מאַלאַטעסטאַס באַפרייונג, וועלכע איז פאַר אונדז געווען אַ ריזיקער דערפאָלג. פון פיר פאַרשידענע זייטן האָבן די אַרבעטער מאַרשירט אין געדיכטע רייען מיט פלאַטערנדיקע פאָנען צום טראַפאַלגאַר־סקווער, דעם היסטאָרישן פאָרום פונעם לאָנדאָנער פאָלק, ביכדי אַרויסצושרייען זייער פּראָטעסט קעגן דעם מישפט. איך האָב אין „אַרבייטער־פריינד" פאַרעפנטלעכט אַ וואַרעמען אויפרוף צו די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און פון זיי פאַרלאַנגט זיך אָנצושליסן אין דער מאַניפעס־טאַציע און דער דערפאָלג האָט געוויזן, אַז אַלע אָן אויסנאַם האָבן גענומען אין אכט די ווענדונג צו זיי. אַזוי ווי אויך די ענגלישע פּאָרט־אַרבעטער פון איסט־ענד, וועלכע זיינען פונקט דעמאָלסט געווען אין שטרייק, האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו דער מאַניפעס־טאַציע, איז אונדזער צוג געווען דער גרעסטער פון אַלעמענס.

פון די דריי טריבונעס נעבן פיעדעסטאַל פון די נעלסאָן־זיילן האָבן גערעדט פאָרשטייער פון די פאַרשידנסטע ריכטונגען: ליבעראַלן, ווי דושאָסיאַ וועדזשוווד און קאַנינגהעם גראַהאַם, דזשאָרזש לענסבור, דער באַקאַנטער פאָרשטייער פון דער „לייבאָר פאַרטי" אין דער דעפּוטאַטנקאַמער, סינדיקאַליסטן ווי טאָם מען, גואי באָור־מען און מאַדאַם סאָרגע פון פראַנקרייך, חוץ אַלע באַקאַנטע רעדנער פון דער לאָנ־דאָנער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. דער ריזיקער עולם איז געווען אַרומגעכאַפּט ווי פון אַן עלעקטרישער שטימונג, וועלכע האָט זיך דייטלעך אויסגעדריקט אין די העפטיקע רייד פון די פאַרשידענע רעדנער קעגן די אינטריגעס פון דער פּאָליטישער פּאָליציי און דער קאָנספּיראַציע קעגן דעם אַזילרעכט. אַפילו דזשאָרזש לענסבור האָט דעמאָלסט דערקלערט מיט דער גאַנצער אָפנהאַרציקייט, אַז די טאַקטיק פון

די אַנאַרכיסטן און סינדיקאַליסטן רופט ביי אים אַרויס וואָס ווייטער אַלץ מער דרך־ארץ, ווייל זיינע אייגענע דערפאַרונגען האָבן אים שוין לאַנג איבערציייגט, אַז אַ גרויס אומרעכט קאָן אָפּגעשלאָגן ווערן נאָר דורך דער אוממיטלבאַרער אַקציע פון די מאַסן. „כל זמן די מאַסן אַליין רירן זיך נישט, זיינען אונדזערע בעסטע רעדעס אין פאַרלאַמענט בלויז אַ געשריי אין דער מידבר". דאָס איז געווען אַ דערקלערונג, וועלכע מ'הערט נישט אַזוי אָפט פונעם מויל פון אַ פאַרלאַמענטאַריער און וועלכער איז פון די פאַרזאַמלטע שטאַרק אַקלאַמירט געוואָרן.

צוויי וואָכן נאָך יענער ערשטער מאַסנפאַרזאַמלונג האָט דער „מאַלאַטעסטאַ־דעפענס־קאָמיטעט" גערופן אַ צווייטן מיטינג אין טראַפאַלגאַר־סקווער, אָבער אייניקע טעג פאַר דער דאַטע פון דעמדאָזיקן מיטינג איז געקומען די ידיעה, אַז דער האַמעסעקרעטאַר האָט אָפּגעוואָרפן דעם ריכטערס רעקאָמענדאַציע אַרויסצושיקן מאַלאַטעסטאַן פונעם לאַנד. מיר האָבן דעריבער מורא געהאַט פאַר אַ דורכפאַל פון אָטדעם צווייטן מיטינג, אָבער מיר זיינען געווען אָנגענעם איבערראַשט, ווען דאָס איז נישט אַזוי געווען דער פאַל. דער סקווער איז נישט געווען אַזוי געדיכט אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן ווי ביים ערשטן מאָל, אָבער קיין מאָטיוו צום קלאָגן זיך האָבן מיר נישט געהאַט. באַפרייען מאַלאַטעסטאַן האָט די רעגירונג יעדנפאַלס נישט געקאָנט פועלן ביי זיך און די צייט איז געווען צו קורץ צו קאָנען שטיצן דידאָזיקע פאָדערונג דורך נייע מאַניפעסטאַציעס. לכל־הדעות האָט די פּראָטעסבאַוועגונג געהאַט צו פאַרציייכענען אויף איר חשבון דעם דערפאָלג, אַז די אויסווייזונג איז נישט דורכגעפירט געוואָרן און אַז דערמיט איז אָפּגעשלאָגן געוואָרן איינע פון די געפערלעכסטע אטאַקעס אויפן אַזילרעכט.

אין דער לעצטער וואָך פון יולי איז מאַלאַטעסטאַ אַרויסגעלאָזן געוואָרן פון תפיסה. מ'האָט אים אַרויסגעלאָזט מיט אייניקע טעג פריער, ביכדי, מיסתמא, אויסצומיידן דעמאָנסטראַציעס נעבן דער טורמע. אונדזער אַלטער פריינט האָט אויפגעהיט זיין גוטן געזונטצושטאַנד און זיין שפּרודלענדיקער הומאָר איז דורך די דריי חדשים געפּענקעניש מיט גאָרנישט געמינערט געוואָרן. פונדעסטוועגן איז ער געווען מיט דער מיינונג, אַז די ענגלישע תפיסות זיינען ערגער ווי אַלע אַנדערע, מיט וועלכע ער האָט זיך ביז איצט באַקאַנט, אַ מיינונג, וועלכע אויך יאָהאַן מאָסט האָט שוין פריער פאַר אים געהאַט אַרויסגעזאָגט. מיר האָבן פאַרבראַכט מיט אים צווישן אַ קליינעם קרייז נאָענטע חברים פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אַ זייער אָנגענעמען און אויפמונטערנדיקן אָוונט.

אַ וואָך פאַר זיין באַפרייונג האָבן די איטאַליענישע חברים אַרויסגעגעבן אַ פלוגבלאַט אין דער פאָרעם פון אַ צייטונג, וועלכער זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן „לאַ גאַגיאַ" (דער שטאַנדסלופּ). אין איר איז אומברחמנותדיק אַרויסגעשטעלט און אַראָפּגעריסן געוואָרן דער געמיינער געהיימאַגענט בעלעלי און דער הינטערגרונט פון יענעם געדענקווירדיקן פּראָצעס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין אַזאַ ליכט, פון וועלכן „סקאָטלאַנד יאַרד" האָט זיכער נישט געשעפּט קיין נחת. צום באַדויערן אָבער זיינען די אַרויסגעבער באַגאַנגען אַן אומפּאַרזיכטיקייט דערמיט, וואָס זיי האָבן

אויף איין אָרט באשריבן די פאקטן אַזוי, אַז הגם זיגפריד נאכטס נאָמען איז נישט דערמאָנט געוואָרן, האָט אָבער די פּאָליציי זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאר בעלעליס דעמאסקירונג. איז דער פּועל־יוצא דערפון געווען, אַז נאכט איז צום צווייטן מאָל אַרויסגעשיקט געוואָרן פון איטאַליע. בעלעלי אָבער, וועלכער האָט זיך שוין איצט מיסתמא נישט געפילט גאַנץ זיכער אין לאָנדאָן, איז פּלוצים פארשוואונדן און מ׳האָט פון אים זינט דעמאָלסט מער גאָרנישט געהערט.

# מיין ערשטע רייזע קיין קאַנאַדע

נאָכן גרויסן שטרייק פון יאָר 1912 האָט זיך אָנגעהויבן פאר אונדז א שטאַרק באַוועגלעכע צייט. מיר האָבן געהאט אַרבעט איבערן קאָפּ. די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט שטאַרק אויפגעלעבט; עס זיינען כימעט יעדן טאָג פאָרגעקומען גרויסע פאַרזאמלונגען און חוץ דעם זיינען נאָך פאָרגעקומען אַ סך קלענערע שטרייקן אין כימעט אַלע אינדוסטריעס. ס׳איז אויך געווען אַן אַ שיער קלענערע אַרבעטן. די אָרגאַניזאַציעס האָבן געמוזט איבעראָרגאַניזירט ווערן און מ׳האָט זיי אויך געמוזט אַריינגעבן נשמה, ביכדי זיי זאָלן זיין אימשטאַנד אויפצוהאַלטן די דעראָבערונגען, וועלכע זיינען אַזוי שווער אויסגעקעמפט געוואָרן. דער „אַרבייטער־פריינד" איז פון זינט א צייט שוין אַרויסגעגאנגען אין א גרעסערן פאָרמאַט און מיר זיינען געווען אימשטאַנד אים ארויסצוגעבן אין צוועלף זייטן ביז צום אויסברוך פון דער מילחמה. אונדזער פאַרלאַג האָט זיך אין יענע יאָרן אויסגעצייכנט אנטוויקלט און אַרויסגעגעבן א שלל נייע ביכער און בראָשורן, וועלכע זיינען אויך מחוץ ענגלאנד שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן. דאָס איז אינדעראמתן געווען דער גלאַנצפּעריאָד פון דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג אין ענגלאַנד. ווען מען האָט דעמאָלט געקאָנט קומען אין דער מחשבה, אז בלויז אין אייניקע יאָר אַרום וועט א וועלטקאטאסטראָפע פון געוואַלטיקן פאַרנעם מיטאַמאָל מאַכן אַזאַ גיכן סוף צו אָט־דער גאַנצער שטאַרק־פאַרצווייגטער טעטיקייט!

אייניקע חדשים נאָכן שטרייק האָב איך באַקומען פון די חברים אין מאָנטרעאַל אַ פאַרבעטונג צו מאַכן א רעפעראַטנטור איבער קאַנאַדע. די דאָרטיקע חברים האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז אַזאַ רייזע וועט נישט בלויז שטאַרק העלפן אויפלעבן די אָרטיקע באַוועגונג, נייערט אויך ברענגען גרויסן נוצן און הכנסות פאַר אונדזער פאַרלאַג און צייטונג אין לאָנדאָן און דאָס וועט אויספאַלן שטאַרק גינציק פאַר אונדזער ווייטערדיקער אַרבעט. דער פאָרלייג האָט מיך גערייצט. איך האָב במשך די לעצטע צען יאָר אומאיבערגעריסן אַלע מיינע כוחות געווידמעט דער באַוועגונג און ס׳האָט זיך מיר געבענקט נאָך אַן ענדערונג, וועלכע איז מיר געווען נאָך אָנגעלייגטער דערפאַר, וואָס דאָס וועט אויך ברענגען געוויסע מאַראַלישע און מאַטעריעלע נוצן דער באַוועגונג, וועלכע מ׳קאָן דאָך אויך נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. אָבער דער עינין איז נישט געווען אַזוי פּשוט. איך בין מיט דער באַוועגונג אין ענגלאַנד געווען אַזוי ענג צונויפגעוואַקסן, אַז מיין אקטיוויטעט האָט נישט אַזוי לייכט געקאָנט פאַר־

ביטן ווערן דורך אן אנדערן, ווען אפילו ס'זאָל זיך בלויז האַנדלען וועגן אַן אָפּ־וועזנהייט פון דריי אָדער פיר חדשים.

האָט מען קודם־כל געדאַרפט געפינען עמיצן מיך צו פאַרבייטן, עמיצן וועלכער זאָל מיך קענען פאַרטרעטן ביים רעדאַקטירן אונדזער צייטונג, מחמת ס'איז מיר געווען קלאָר, אז אויף אַזאַ ווייטער רייזע וועל איך זיך ווייניק קאָנען פאַרנעמען מיט דעם בלאַט. די גרופּע „אַרבייטער־פריינד" האָט זיך דעריבער געווענדט צום חבר פרומקין, וועלכער האָט דעמאָלסט געוווינט מיט זיין מישפּחה אין פּאַריז, און אים געפרעגט, צי ער וואָלט געווען אַ בעלן צו קומען אויף דריי אָדער פיר חדשים קיין לאָנדאָן, ביכדי איבערצונעמען די רעדאַקציע פונעם „אַרבייטער־פריינד". פאַר פרומקינען איז דאָס נישט געווען קיין לייכטער עיניך, מחמת ער האָט אין פּאַריז געהאַט זיינע פאַרפּליכטונגען, וועלכע ער האָט נישט אַזוי פּשוט געקאָנט פאַרלאָזן. אָבער אַזוי ווי ער האָט איינגעזען, אַז מיין רייזע קאָן אויך זיין נוצלעך פאַר דער באַוועגונג, איז ער איינגעגאַנגען אויפן פאָרלייג; ער האָט בלויז פאַרלאַנגט עטלעכע חדשים צייט, כדי פריער צו דערלידיקן זיינע עיניניס אין פּאַריז. דערמיט איז געלייזט געוואָרן דאָס שווערלעכע פּראָבלעם, ווייל קיין בעסערן שטעלפאַרטרעטער האָב איך זיך קוים געקאָנט ווינטשן.

וואָס שייך דער פאַרוואַלטונג פונעם בלאַט, איז נישט געווען קיין שום מאָטיוו פאַר קיין זאָרג, ווייל זי איז געלעגן אין גוטע הענט. דער געשעפטספירער פון דער צייטונג און פונעם פאַרלאַג איז דעמאָלסט געווען ש. לינדער, וועלכער האָט זיך ביז דעמאָלסט זייער גוט אויסגעטויגט, וואָרן ער האָט נישט נאָר געהאַט זעלבסטשטענ־דיקייט און איניציאַטיוו פאַר זיין שטעלע, נייערט אויך אַ ממשותדיק און פאַר־וואָרצלט געפיל פאַר אחריות, וואָס אין אַ באַוועגונג איז עס די ערשטע קאָנדיציע, ביכדי ס'זאָל מעגלעך זיין אַ נוצלעכע און פּרוכפּעריקע צוזאַמענאַרבעט. אַזוי אַרום, אז איך האָב שוין נישט געהאַט קיין שום ווייטערדיקע שטרויכלונגען פאַר מיין רייזע און איך האָב רואיק געקאָנט אָננעמען די פאַרבעטונג פון די קאַנאַדער חברים. און אַזוי ווי מיין עלטערער זון האָט זיך שוין פון לאַנג אַרומגעטראָגן מיטן פּלאַן אויס־צופּרוווּן זיין מזל אין אַמעריקע, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין דער געלעגנהייט מיך צו באַגלייטן אויף מיין רייזע.

אַזוי אַרום זיינען מיר אָנפאַנגס פעברואַר 1913 אַרויסגעפאָרן מיט דער שיף „קאַרסיקאַן" פון ליווערפּול קיין האַליפאַקס, ווייל ווינטערצייט קאָנען די שיפן נישט אָנקומען ביז מאָנטרעאַל צוליב דעם, וואָס דער ריזיקער טייך סענט לאָרענץ איז אין דער צייט געפרוירן. די רייזע איז דווקא נישט געווען קיין אָנגענעמע, ווייל דאָס וועטער איז געווען קאַלט און שטורמיש. דער הימל איז אַפילו געווען לויטער און די זון האָט געשיינט, אָבער ווי נאָר מיר זיינען אָנגעקומען צום אירלענדישן ים, האָט אויסגעבראָכן דער שטורעם, וועלכער האָט זיך אין אַטלאַנטישן אָקעאַן פאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיקן הוראַגאַן און ער האָט נישט נאָכגעלאָזט, ביז מיר זיינען אָנגעקומען באַגענט צום ברעג פון נייסקאָטלאַנד, ווו דער ווינט האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט און אַ געדיכטער נעפּל האָט איינגעהילט די שיף ווי מיט אַ גרויסן שלייער אַזוי, אַז מ'האָט

פון דער שיפדעק קוים געקאָנט זען דאָס וואַסער אונטן. די „קאָרסיקאַן" איז געווען אַ קליינע דאַמפשיף פון פינף אָדער זעקס טויזנט טאָן, וועלכע האָט געאויקעט און געוויקעט מיט אַלע אירע איברים, ווען זי איז פון די כוואַליעס אַריינגעשליידערט געוואָרן פון איין אָפּגרונט אינעם אַנדערן. מיר האָבן פאַר דער גאַנצער רייזע כימעט נישט געקאָנט פאַרברענגען אויפן דעק און אין עס־זאַל זיינען די שטורעם־לייסטן כימעט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען געוואָרן.

ווען מיר זיינען לסוף אָנגעקומען אין פּאָרט פון האַליפאַקס האָט די שיף געמאַכט אַ מערקווירדיקן איינדרוק. די גאַנצע דעק איז געווען איין שטיק בלישטשנדיק אייז און פון אירע זייטן זיינען אַראָפּגעהאַנגען ריזיקע אייזצאַפּנס ביז צום וואַסער, ווי שטאַכעטן אין א פארצייטיקער הייל. ווען מיר זיינען אַראָפּ אויף דער יבשה, האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַן אייזקאַלטער ווינט, וועלכער האָט אונדז דורכגענומען די ביינער, ווייל מיין הלבשה איז געווען צוגעפּאַסט צום מילדן קלימאַט פון לאָנדאָן, אָבער נישט געקאָנט שטעלן קיין ווידערשטאַנד דערדאָזיקער סיבירישער קעלט.

האַליפאַקס האָט טאַקע געמאַכט אַן אַנטמוטיקנדיקן איינדרוק. קאָן זיין, אַז זומער איז עס נישט אַזוי, אָבער אין ווינטער פאַלט מען אַריין אין אַ מעלאַנכאָלישער שטימונג און ס'ווערט טרויעריק אויפן געמיט. די שטאָט איז נאָך דעמאָלסט געווען גאַנץ קליין, קוים געהאַט מער ווי 30.000 איינוווינער. דער שניי האָט דערגרייכט ביז צו די דעכער פון די נידעריקע הייזער. די מענטשן זיינען געווען איינגעהילט אין דיקע פּעלצן ווי די עסקימאָסן און אין די טויטע גאַסן האָט מען געקאָנט זען קוים עטלעכע שליטנס, ווייל מיט קיין וועגענער האָט מען אין דערדאָזיקער צייט פון יאָר נישט געקאָנט פאָרן. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק ווי איך וואָלט פאַרוואָרפן געוואָרן אינעם נאָרדפּאָל און בין געווען צופרידן, ווען מיר האָבן פיר אָדער פינף שעה שפּעטער געקאָנט נעמען די באַן, מיט וועלכער מיר האָבן געדאַרפט אָנקומען קיין מאָנטרעאַל. אָבער מיין פרייד האָט נישט געדויערט לאַנג. דער צוג איז געווען פון די אַזויגערופענע אימיגראַציע־צוגן, און ס'איז אין אים נישט געווען אַפילו די מינדסטע באַקוועמלעכקייט פאַר אַזא לאַנגער רייזע, וועלכע האָט געדאַרפט דויערן בערך זעקס און דרייסיק שעה. דערצו זיינען נאָך די וואַגאָנען געווען צו שטאַרק אָנגעוואַרעמט און אַזוי ווי די שטאַרק־פאַרפרוירענע פענצטער האָבן צוליב דער ביטערער קעלט אין דרויסן נישט געקאָנט געעפנט ווערן, איז די אַטמאָספערע אינעווייניק אינגיכן געוואָרן אַ שטיקנדיקע. און טאָמער איז דאָס אַליין געווען ווייניק, איז נאָך צוגעקומען דער פּרט, וואָס די וואַגאָנען זיינען אינעווייניק געווען פריש געפאַרבט און די פון דער היץ קוים אויסגעטריקנטע פאַרב האָט אַרויסגעגעבן אַן אומדערטרעגלעכן ריח, וועלכער האָט נאָך מער באַטויבט די חושים. בעת דער רייזע אויף דער שיף בין איך, נישט געקוקט אויפן שטורעם און אויף דעם צעכוואַליעטן ים, וועלכע האָבן געוואָרפן און געטרייסלט מיטן קליינעם שיפל, לגמרי פאַרהיט געוואָרן פון דער ים־קראַנקייט. אָבער פאַר דעם, פון וואָס איך האָב זיך אויסגעהיט דאָרט, האָב איך דאָ איצט געמוזט באַצאָלן טאָפּלט. ביי מיר איז געקומען די ים־קראַנקייט ערשט אויף דער יבשה. ס'איז מיר פּלוצים שטאַרק נישט גוט געוואָרן און

אין מיין קאָפּ האָט געזשומעט ווי אין אַן אויסגעהוילטער כלי. איך האָב אויך אָנגע־הויבן ברעכן, וועלכעס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן, ביז מיר האָבן געקאָנט פאַרלאָזן אָט־דעם קאַסטן פון פורעניות און פּיין. איך האָב אָט־יענע רייזע פון האַליפאַקס קיין מאָנטרעאַל קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרגעסן און תמיד, ווען ס'איז מיר אויסגעקומען וועגן דעם צו רעדן, האָב איך אָנגעהויבן פילן אַזאַ מין שווינדלעניש אַזוי ווי מען פילט, ווען מ'ווערט באַפאַלן פון דעם ים־קראַנקייט.

ס'איז געווען אַרום 11 אַזייגער ביינאַכט, ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין מאָנט־רעאַל. אויפן באַנהויף האָבן אונדז אָפּגעוואַרט פון פופצן ביז צוואַנציק חברים, צווישן זיי דער אַלטער שאַפּלער, וועלכער האָט נאָך אין ליווערפּול באַלאַנגט צו דער גרופּע, ווען זי האָט דאָרט אין 1898 אַרויסגעגעבן „דאָס פרייע וואָרט", ווו איך האָב צום ערשטן מאָל אויסגעפּרוּווט מיינע כוחות ווי אַ רעדאַקטאָר. די באַגריסונג איז געווען אַ זייער האַרציקע, שוין כימעט א צו האַרציקע פאַרן נעבעכדיקן צושטאַנד מיינעם. אָבער ווייזט־אויס, אַז קיינער האָט דאָס נישט באַמערקט. וואָס אָבער מ'האָט יאָ באַ־מערקט תיכף, איז געווען מיין דינער לייכטער אויבערמאַנטל, וועלכער איז צומאָרגנס פאַרביטן געוואָרן אויף אַ דיקן ווינטערמאַנטל, מיט וועלכן איך וואָלט גאַנץ רואיק געקאָנט פאַרפאָרן אפילו ביז צום נאָרדפּאָל. אויך מיט גומענע קאַלאָשן האָט מען מיך פאַרזאָרגט, ווייל אָן זיי האָט מען אין די מיט שניי באַדעקטע גאַסן נישט געקאָנט אויסקומען. מ'האָט מיר אויך צוגעשטעלט א דיקן וואַרעמען שאַליק פאַרן האַלדז און אַ וואַרעם פוטערן היטל, וועלכעס האָט אויך פאַרדעקט די אויערן, אַזוי, אַז מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך בין אַן עסקימאָס. אָט־די אַלע זאַכן זיינען גע־ווען אומבאַדינגט נייטיק, ביכדי צו קאָנען אויסהאַלטן אין יענע ביטערע קעלטן.

די ערשטע טעג זיינען אַריבער אין לעבעדיקע צונויפטרעפן און שמועסן מיט די חברים, פון וועלכע אַ סך זיינען מיר נאָך געווען באַקאַנט פון ענגלאַנד, אַזעלכע ווי בערנשטיין, באַראָן, ווייסמאַן, שוטץ און אייניקע אַנדערע, וועלכע דער גורל האָט פאַרוואָרפן אין יענעם קאַלטן לאַנד אַריין. טאַקע זיי איז עס בעיקר געווען צו פאַר־דאַנקען, וואָס מאָנטרעאַל האָט אין יענער צייט געהאַט אַזאַ שטאַרקע און אַקטיווע גרופּע. אין מאָנטרעאַל האָב איך זיך אויך געטראָפן מיט מיין אַלטן פריינט לואיס עלשטיין און זיין פרוי, אַזוי אויך מיט קאָנראַד בערקאָוויטש און זיין פאַמיליע, מיט וועמען איך האָב זיך נאָך באַקאַנט, צוזאַמען מיט זיין ברודער, אין פּאַריז, ווו ער איז געווען שטאַרק אַקטיוו אין דער יידישער און פראַנצויזישער באַוועגונג. דאָס איז געווען דערזעלביקער בערקאָוויטש, וועלכער האָט זיך שפּעטער געמאַכט אַן אָנגע־זעענעם נאָמען ווי א שריפטשטעלער אין די פאַרייניקטע שטאַטן, ווו זיינע דערציי־לונגען פונעם רומענישן ציגיינערלעבן האָבן אים געשאַפן אַ סך אָנהענגער.

מאָנטרעאַל, קאַנאַדעס גרעסטע שטאָט, ליגט אויף א זייער שיינעם פּלאַץ, אָבער אין די ווינטערדיקע חדשים, ווען אַלעס איז באַדעקט מיט שניי און אייז, זיינען די מעלות און שיינקייטן פון איר אַרומיקער לאַנדשאַפט קוים באַמערקבאַר. די געוואַל־טיקע מאַסן שניי שאַפן פון אַלץ אַזאַ מין איינפאָרמיקייט, פון וואָס דאָס אויג ווערט מיד און עס מאַכט דעם איינדרוק פון וויסטקייט און מאָנאָטאָנקייט. די חברים האָבן

מיך דעמאָלסט עטלעכע מאָל אַרומגעפירט אין אַ שליטן איבער דער גאַנצער שטאָט און דער אַרומיקער סביבה. וואָס ס'האָט דעמאָלט תיכף גערופן מיין אויפמערקזאַמ־קייט איז געווען די גרויסע צאָל קירכן און קלויסטערס. די גרויסע צאָל גלחים, מאָנאכן און מאָנאַשקעס, מיט וועלכע מיר האָבן זיך כסדר אָנגעטראָפן אין די גאַסן, זיינען געווען די לעבעדיקע עדות אויף דער אומגעהייערער מאכט, וועלכע די רוי־מישע קירך האָט געהאַט און האָט ביז צום היינטיקן טאָג דאָ און אין דער גאַנצער פּראָווינץ קוויבעק. ס'זיינען מיסתמא פאַראַן ווייניק איראָפּעישע לענדער, אין וועלכע דער אומדיסקוטירבארער איינפלוס פון דער קירך אויף דער באַפעלקערונג זאָל זיך אַזוי דייטלעך אַרויסווייזן ווי אין די פראַנצויזישע טיילן פון קאַנאַדע. ס'איז אמת, אז פון דעמאָלסט ביז היינט איז אויך דאָרט פאָרגעקומען אַ געוויסע ענדערונג, אָבער ווען איך האָב באַזוכט מאָנטרעאַל צום ערשטן מאָל, האָט נאָך דאָרט געהערשט אַ צושטאַנד, וועלכער האָט דערמאָנט אינעם גרויען מיטלאַלטער. די פראַנצויזישע באַפעלקערונג, וועלכע איז געווען די גרויסע מערהייט פון דער שטאָט, האָט געלעבט אין אַזאַ מין האָפענונגסלאָזער פאַרטעמפּטקייט, אַז מ'האָט צו איר נישט געקאָנט צו־קומען מיט קיין שום אַנדער זאַך חוץ מיט דעם, וואָס איז געקומען פון דער קירך. דאָ איז נאָך געווען אינגאַנצן אויפגעהיט אַ שטיק לעבעדיקער מיטלאַלטער, וועלכער איז געווען אימשטאַנד צו טראָצן מיט דער צייט און איז איר נישט נאָכגעגאַנגען. אַפילו דאָס פראַנצויזיש, וואָס איז דאָ גערעדט געוואָרן פונעם פאָלק, איז נאָך געווען דאָס לשון פונעם זיבעצנטן יאָרהונדערט, וועלכעס איז מיר על־פּי־רוב געווען אומ־פאַרשטענדלעך און צו וועלכן מ'האָט זיך ערשט ביסלעכווייז געדאַרפט צוגעוווינען.

קיין ווערק פון דער מאָדערנער פראַנצויזישער ליטעראַטור איז אין דער פּראָ־ווינץ קוויבעק לגמרי נישט געווען צו באַקומען, וואָרן דער רוב פון די ייִנגערע מחברים איז געלעגן אין חרם און געווען פאַרצייכנט אינעם „אינדעקס“. ווער ס'האָט זיך אָבער פונדעסטוועגן יאָ אינטערעסירט מיט די ווערק פון עמיל זאָלאַ, אַנאַטאָל פראַנס, אָקטאַוו מירבאָ, פּאָל אַדאַם און אייניקע אַנדערע שרייבער פון יענער צייט, האָט זיך געמוזט לאָזן ברענגען דידאָזיקע ביכער פון דער שכנישער פּראָווינץ אָנטאַריאָ, ווו אַלעס איז פאַרקויפט געוואָרן פריי, וואָס איז אין קוויבעק געווען פאַרווערט. אַ יאָר פאַר מיין אָנקומען קיין מאָנטרעאַל האָט דאָס דאָרטיקע פראַנצויזישע טעאַטער אַראָפּגעבראַכט די באַקאַנטע פראַנצויזישע שוישפּילערין סאַראַ בערנאַרדט, מיט אַ קאָנטראַקט, דאָרט צו שפּילן טעאַטער. אָבער זי איז פון דאָרטיקן ערצבישאָף אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם ווי אַ פריידענקערין. די דירעקציע פונעם טעאַטער האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן קעגן דעם. זי האָט געמוזט צוריקרופן די פאַר־שטעלונגען און באַצאָלן פאַר אַלץ לויטן קאָנטראַקט.

פונקט דעמאָלסט, ווען איך בין געקומען קיין מאָנטרעאַל, האָט זיך אָפּגעשפּילט דער לעצטער אַקט פון אַ מערקווירדיקן פּראָצעס, וועלכער האָט זיך שוין געהאַט געצויגן אַ משך פון יאָרן, ביז ס'איז, לסוף, אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער משפּט. אין אַ קליינער אָרטשאַפט נעבן מאָנטרעאַל האָט זיך געשאַפן אַ קליינער קרייז פריידענ־קער, צו וועלכן ס'האָבן באַלאַנגט בעיקר דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אַנדערע אינטע־

ליעקטואלן. אַט־די קליינע גרופּע, וועלכע האָט אַרומגענומען קוים איבער אַ צענדליק מיטגלידער, האָט זיך לגמרי נישט געשטעלט קיין ציל צו פאַרשפּרייטן אירע אידעען צווישן פאָלק, ווייל ביי די צושטאַנדן, וועלכע האָבן דאָרט דעמאָלסט געהערשט, איז דאָס לחלוטין נישט געקומען אין באַטראַכט. זייער גאַנצע טועניש האָט זיך באַגרענעצט אַרומצורעדן אינעם אייגענעם ענגן קרייז וויסנשאַפטלעכע און פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, מיסתמא כדי לפּחות אויף עטלעכע שעה אין דער וואָך זיך אַרויסצורייסן פון דער גייסטיקער לאַנגווייליקייט פון דער סביבה און געפינען אַ געוויסע דערמוטיקונג צווישן זיך גופא. דאָס וואָס מ'האָט צווישן דער פּראָנצויזישער באַפעלקערונג פון מאָנטרעאַל לחלוטין נישט געקאָנט געפינען.

אָבער נאָך אַ שטיקל צייט איז די קירך געוואָר געוואָרן וועגן דעם און זי האָט אונטערגעשיקט אַ געוויינלעכן פאַרברעכער, וועלכער איז נאָר־וואָס געהאַט אַרויס פון תפיסה נאָך אַן אכט־יאָריקער שטראָף, אַז ער זאָל אָנפאַלן אויפן סעקרעטאַר פונעם קלוב אויפן וועג אַהיים פון אַ צונויפטרעף מיט זיינע חברים און ביי אים אַרויסרייסן די אַקטנטאַש. אַט־דער גאַסנרויבער, וועלכער האָט זיכער באַקומען באַצאָלט פאַר זיין שליחות, הגם ער האָט דאָס שפּעטער האַרטנעקיק געלייקנט, האָט אין איינעם אַ טאָג אומגעוואָרפן אין גאַס דעם סעקרעטאַר און ביי אים צוגערויבט זיינע פּאַפּירן. אַזוי ווי אָבער ער איז געווען אַ מענטש פון פאַך, האָט ער זיך נישט באַנוגנט מיט דער צוגערויבטער טעקע, נייערט אויך צוגערויבט דעם זייגער און דאָס בייטעלע מיט געלט. איך דערמאָן זיך נישט גענוי ווי אַזוי און דורך וואָס פאַראַ צופאַל דער איבערפאַלער איז באַלד נאָכן איבערפאַל געכאַפּט געוואָרן און ווילנדיק נישט ווילנדיק האָט מען קעגן אים געמוזט פאַרפירן אַ פּראָצעס. דער פּראָצעס האָט זיך געפירט אייניקע יאָר און אָנגעשפּאַרט אין פאַרשידענע געריכטן, ביז ס'איז ענדלעך אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער מישפּט. דער איבערפאַלער איז פון די געשווירענע איינשטימיק באַפרייט געוואָרן מיט דער באַגרינדונג, אַז זיין באַליידיקטע רעליגיעזע איבערצייגונג האָט אים באַוויגן צו טאָן דאָס, וואָס ער האָט געטאָן. דאָס, וואָס ער האָט אינאיינעם אויך נישט פאַרגעסן דעם זייגער און דאָס בייטעלע מיטן געלט, טאָ איז דאָס געווען נישט מער ווי אַן אומפאַרזיכטיקער טעות. ווייטער ווי צו דעם האָט שוין די אומאָביעקטיוויטעט פון דער יוסטיץ נישט געקאָנט דערגייען.

פאַרשטייט זיך, אַז דער איינפלוס פון דער קירך האָט אַרומגענומען בלויז די קאַטוילישע באַפעלקערונג, אָבער דערפאַר איז דאָס געווען אַ טיפגייענדיקער איינפלוס. צווישן די גרויסע שטאָטטיילן, וווּ ס'האָט געוווינט דער רוב פּראַנצויזישע קאַנאַדער, און די ענגלישע טיילן פון דער שטאָט, וווּ ס'האָט אויך געוווינט דער רוב אויסלענדער, איז אויך אויסערלעך געווען אַן אונטערשיד, וועלכן מ'האָט לייכט געקאָנט באַמערקן. בעת די ענגלישע טיילן פון דער שטאָט זיינען אין אַלגעמיין געווען גוט אָפּגעהיט און ריין, איז דער רוב גאַסן און הייזער פון די פּראַנצויזישע טיילן געווען שטאַרק אָפּגעלאָזט און פאַרנאַכלעסיקט, און וואָס שייך די אָרעמע געגנטן, איז זייער אויסזען געווען אַן אַנטמוטיקנדיקער און דער שמוץ האָט אַרויסגעשפּאַרט פון אומעטום.

די קירך באַזיצט אין מאָנטרעאַל, אַזוי אויך אין דער גאַנצער פּראָווינץ קוויבעק, אַ ריזיק פאַרמעג אין ערד און אַנדער אייגנטום, פון וועלכן דער גרעסטער טייל צאָלט כימעט נישט קיין שטייערן. צו דעם געהערן נישט נאָר די גרויסע צאָל קירכן און קלויסטערס, נאָר אויך גאַנצע בלאָקן און גאַסן, אַריינגערעכנט די בורדעלן, וועלכע זיינען אין יענער צייט געווען אין פולן בלי און זיינען עס נאָך מיסתמא היינט אויך. די קירך האָט בשעתו באַקומען פון דער קרוין אַ מתנה פון 2.096.754 אַקער לאַנד. אויף אָט־דעם גרויסן שטח, וועלכער האָט אויסגעמאַכט כימעט אַ פערטל פונעם שטאַטלעכן טעריטאָריאַלן אייגנטום, האָבן נאָך אין יאָר 1720, ווען די צאָל ווייסע איינוווינער אין גאַנץ קאַנאַדע האָט נאָך נישט באַטראָפן קיין 25.000 נפשות, געלעבט 24 יעזואיטן, 32 פראַנציסקאַנער מאָנאַכן, 67 גלחים פון די געמיינדעס און מיסיאָנערן, 175 מאָנאַשקעס און 31 גלחים, וועלכע האָבן באַלאַנגט צו דער אַזוי גערופענער אויסלענדישער מיסיע.*) מ׳קאָן זיך, בכן, פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ פאַנטאַסטישן ווערט ס׳האָט באַקומען אָט־דער ריזיקער גרונט־אייגנטום מיט דער פאַרמערונג פון דער באַפעלקערונג.

אויפן היפּש משופּעדיקן אַרויסטאַרטשענדיקן באַרג, אַרום וועלכן מאָנטרעאַל איז צעלייגט און פונאַנדערגעשפּרייט אין אַלע זייטן, שטאַרצט־אַרויס אַ ריזיקער צלם, וועלכער איז ביינאַכט באַלויכטן, אַזוי אַז מ׳קען אים זען אויף מיילן ווייט אַרום און ער לאָזט וויסן דעם אָנקומענדיקן, אַז ס׳זיינען נאָך פאַראַן ערטער אויף דער וועלט, ווו די פּויפּסטלעכע מאַכט איז נאָך אַלץ אומאָפּפרעגבאַר און אַז די מענטשן לעבן נאָך אַלץ אין גרענאָר דעם זיבעטנס תקופה. נישט ווייט פונעם שפּיץ באַרג איז פאַראַן די קליינע קירך פונעם פּרער אַנרי; דאָס איז דאָס אָרט, וווהין די קאַנאַדער פראַנצויזן זיינען עולה־רגל און אָט־די קירך ברענגט אָן ספק אַריין גרויסע הכנסות. די קליינע קירך איז אַוועקגעשטעלט אויף אַ בערגל, צו וועלכער עס פירט אַרויף אַ ברייטע טרעפּ מיט אַרום הונדערט שטיגן אָדער נאָך מער. דער אינערלעכער רוים פונעם הייליקן זאַל פון דער קירך איז אַזוי ווי פאַרהילט אין אַ מיסטישער טונקלקייט. שוואַרץ־געקליידטע מאָנאַשקעס שלייכן פאַרביי ווי געשפּענסטער דורכן שטילן זאַל און פאַר די הייליקע בילדער קניען מענטשן, וועלכע פּרעפּלען תפילות מיט אַ פאַרגאַפטער התלהבות, בעת זייערע הענט פאָרען זיך מיטן רויזנקראַנץ־שנור. איין וואַנט פון דער קירך איז באַדעקט מיט הונדערטער קוליעס, וועלכע דאַרפן דאָס קומען פון מענטשן, וועלכע דער ברודער אַנרי, דער בעל־מופת, האָט געזאָלט האָבן אויסקורירט. אויף די ברייטע טרעפּ, וועלכע פירן אַרויף צו דער קירך, זעט מען שטענדיק מאַמינים, וועלכע דראַפּען זיך אַרויף אויף זיי אויף די קני און אויף יעדער שטאַפּל באַזונדער מורמלען זיי זייערע תפילות. קראַנקע, וועלכע קאָנען דאָס אַליין נישט טון, ווערן אַרויפגעשלעפּט פון אַנדערע, ביכדי אויבן צו געפינען גענעזונג. דאָס וועטער שפּילט דערביי נישט קיין שום ראָל, ווייל נישט קיין רעגן און נישט קיין שניי זיינען אימשטאַנד צו מעסיקן די אמונה־

*) History of Canadian Wealth by Gustavus Meyers.

התלהבות פון אַט־די אָרעמע טיפּשים, פון וועלכע אַ סך מיינען, אַז וואָס האַרטער זייער אָפּקומעניש ביים אַרויפדראַפּען זיך איז, אַלץ בעסערע פּערספּעקטיוון זיינען פאַראַן פאַר זייער געגעזונג.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך פאַרבראַכט אין מאָנטרעאַל איבער דריי וואָכן צייט און געהאַלטן אַרום צען אָדער צוועלף רעפעראַטן אין גרויסע, געדרימיקע זאַלן, וועלכע זיינען געווען אויסערגעוויינלעך גוט באַזוכט און פון די חברים באַטראַכט געוואָרן ווי שטאַרק דערפאַלגרייכע. מיינע רעפעראַטן זיינען באַזוכט געוואָרן פון אָנהענגער פון אַלע ריכטונגען, אַזוי אַז אויך די וויכוחים, וועלכע זיינען נאָך זיי פאָרגעקומען, זיינען דורכשניטלעך געווען זייער אָנרעגנדיק און אינטערעסאַנט. אין מאָנטרעאַל האָט אין יענער צייט געהערשט אַ גאַנץ פיינער שלום־בית צווישן די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע שיטות. דאָס איז געקומען ווי אַ פּועל־יוצא פון דער אָפּגעשטאַנענער סביבה, וועלכע האָט אַלע מענטשן מיט אַ פרייערן קוק אויף זאַכן ווי פון זיך אַליין דערנענטערט און צונויפגעפירט. אַ מערקווירדיקער ביישפּיל אין דעם פּרט איז געווען מיין פריינט שלאַגמאַן, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט ערשט אויף יענער רייזע. זיין פרוי איז געווען צוגענייגט צו אונדזערע פרייהייט־לעכע אידעען, בעת ער אַליין איז געווען אַן איבערצייגטער סאָציאַלדעמאָקראַט. אָבער ווען ס׳איז געקומען צו פּראַקטישע מעשים, האָט ער תמיד מיטגעאַרבעט מיט די אַנאַרכיסטן. און אַזוי האָט ער זיך אויפגעפירט די גאַנצע צייט.

ביי מיין ערשטן רעפעראַט אין מאָנטרעאַל האָט מיר מיין פריינט שאַפּלער פאָרגעשטעלט אַ דייטשן חבר, וועלכער האָט געהייסן טעלאַט און איז שוין דע־מאָלט געווען אַ מענטש אין די רייפערע יאָרן. דער נאָמען איז מיר געווען גענצלעך אומבאַקאַנט. אָבער ווען טעלאַט האָט מיך אין אַ פרייען אָוונט פאַרבעטן צו זיך אַהיים, האָב איך געזען, אַז איך האָב פאַר זיך אַ מענטש מיט אַ הויכער אינטעלי־גענץ און אַ שטאַרק אָנגעלייענטן, וועלכער האָט אויך פולשטענדיק באַהערשט די ענגלישע און פראַנצויזישע שפּראַך. טעלאַט האָט געהאַט אַ קליין קלייטל, אין וועלכן ער האָט אַלע אַרבעטן געמאַכט צוזאַמען מיט זיין פּלימעניצע. ער האָט זיך פאַרנומען מיט צוגרייטן קינסטלעכע אָרטאָפּעדישע גלידער און געהאַט אַ גוטן שם צווישן די דאָקטוירים אין מאָנטרעאַל, ווייל ער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך געניטער און געוויסנהאַפטער אַרבעטער. אין יענעם אָוונט איז אויך געווען דאָרט מיט מיר מיין זון רודאָלף און אַן אַלטער ענגלישער חבר, וויליאַם סטראַוד, וועל־כער געהערט זינט יאָרן שוין צו טעלאַטס אומפאַנאַנדערשיידבאַרע פריינט. טעלאַט איז געווען אַ ריינלענדער און האָט אין שטוב תמיד געהאַט אַ גוט גלעזל ריינישן וויין, ווייל ער האָט געלעבט אין זייער גוטע באַדינגונגען. דער שמועס איז אָנגע־גאַנגען אין דייטש, ווייל אויך סטראַוד, וועלכער האָט אַ סך יאָרן געאַרבעט אין נירנבערג און אין אַנדערע דייטשע שטעט, האָט זייער גוט פאַרשטאַנען אונדזער לשון. מיר האָבן דעם גאַנצן אָוונט גערעדט וועגן פאַרשידענע ענינים און מיר זיינען אַרויפגעקומען אויף דער טעמע וועגן אונדזער באַוועגונג אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך, מיט וועמעס אַנטוויקלונג טעלאַט איז אינדערעמתן געווען גוט באַקאַנט.

ווען כ׳האָב זיך דערביי אַרויסגעכאַפּט מיט דער באַמערקונג, אַז ס׳איז מיר אַ גרויסער חידוש, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געהערט דערמאָנען דעם נאָמען פון אַזאַ גוט־אינפאָרמירטן חבר, איז ער פּלוצים אַנטשוויגן געוואָרן און איך האָב געקאָנט באַמערקן אין זיין פּנים, אַז ער ראַנגלט זיך מיט עפּעס אַן ערנסטן עיניך. נאָכדעם האָט ער מיר געגעבן אַ שאַרפן קוק אין די אויגן און צו מיר געזאָגט מיט אַן ערנסטער שטים:

„דאָס, וואָס דו האָסט פון מיר קיינמאָל נישט געהערט, איז זייער באַגרייפלעך, ווייל איך לעב שוין אַ סך יאָרן אונטער אַ פאַלשן נאָמען, ווייל איך האָב געוואָלט אינגאַנצן פאַרגעסן ווערן. אָבער ווען דו וועסט מיר צוזאָגן, אַז דו וועסט נאָך דיין אומקערן זיך קיין לאָנדאָן מיט קיינעם נישט רעדן וועגן אונדזער צונויפטרעף, וועל איך דיר זאָגן מיין אמתן נאָמען, וועלכער וועט דיך יאָ עפּעס דערמאָנען.״

נאָכדעם ווי איך האָב אים געמאַכט דעם געבעטענעם צוזאָג, האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ קול, וואָס איז כּימעט געווען אַן אַ קלאַנג: „מיין אמתער נאָמען איז ריקענס, וועלכער איז דיר זיכער באַקאַנט, הגם מיר האָבן זיך אויף יענער זייט ים קיינמאָל נישט געזען״.

איך בין געווען אַזוי איבערראַשט, אַז איך האָב כּימעט נישט געוואָלט גלייבן מיינע אויערן. דערדאָזיקער נאָמען איז מיר באמת געווען זייער גוט באַקאַנט, ווייל ער איז געווען פאַרבונדן מיט אַ טראַגעדיע, וועלכע איז געווען פאַטאַל פאַר אַ פראַנצויזישן חבר און האָט ריקענסן גופא כּימעט געקאָסט דאָס לעבן.

„ריקענס?״ — האָב איך אַ זאָג געטאָן און דאָס וואָרט איז קוים אַרויף אויף מיינע ליפּן.

דער פאַל ריקענס איז בשעתו געווען אַ גרויסע סענסאַציע אין דער באַוועגונג. שפּעטער אָבער איז ער אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן און פאַר די יינגערע דייטשע חברים איז ער נאָך קוים געווען באַקאַנט. ווען איך בין געקומען קיין לאָנדאָן האָט מען נאָך אין די אייגענע קרייזן צווישן די חברים גאַנץ אָפט גערעדט וועגן יענעם עיניך, וועלכער האָט דאָרט בערך מיט אַ יאָר צוריק געהאַט געמאַכט אַ גרויסן אויפזען. ריקענס איז נאָך ווי אַ גאָר יונגער מענטש אַריינגעטראָטן אין דער אַנאַר־כיסטישער באַוועגונג. דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פונעם סאָציאַליסטן־געזעץ אין דייטשלאַנד און די באַוועגונג האָט אין יענע יאָרן פון דער שווערסטער רעאַקציע געקאָנט אָנפירן בלויז אַן אונטערערדישע טעטיקייט. ער האָט באַלאַנגט צו דער קליינער צאָל מענטשן, וועלכע האָט דעמאָלט אָנגעפירט אַ טעטיקייט צו־זאַמען מיט אויגוסט ריינסדאָרף, עמיל ווערנער און אָטאָ רינקע — די ערשטע פּיאָנערן פון דער פרייהייטלעכער באַוועגונג אין דייטשלאַנד. דער גורל האָט אים שפּעטער פאַרוואָרפן אין דער שווייץ, קיין פראַנקרייך און בעלגיע, ביז ער איז לסוף, ביים אָנהייב פון די ניינציקער יאָרן, אָנגעקומען קיין לאָנדאָן. דאָרט האָט ער זיך באַקאַנט מיט מאַלאַטעסטאַן און מיט אַ סך דייטשע און פראַנצויזישע פּליטים, וועלכע האָבן דעמאָלט געוווינט אין לאָנדאָן, און ער האָט זיך באַטייליקט אין דער

באַוועגונג, פּונקט ווי ער האָט דאָס געטאָן אומעטום, וווהין זיין לעבן האָט אים ביז דעמאָלט געהאַט געפירט.

איז אין מאַי 1894 געקומען קיין לאָנדאָן דער פראַנצויזישער אַנאַרכיסט מעניע, אויף וועמען מ׳האָט געהאַט אַ חשד, אַז ער זאָל דאָס אין אַפּריל 1892 געווען האָבן פאַראורזאַכט דעם אויפרייס אינעם קאַפעהויז „וועריי", ווו ראַוואַשאָל איז אין זיין צייט אַרעסטירט געוואָרן. מעניע איז נאָך מיט צוויי יאָר פאַר זיין לעצטן אָנקום קיין לאָנדאָן געהאַט אַנטלאָפן פון פראַנקרייך, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע, ווען הונדערטער אַנאַרכיסטן זיינען, ווי אַ פּועל־יוצא פון ראַוואַשאָלס אַטענטאַט און אַנדערע געשעענישן, אין אַלע טיילן פון פראַנקרייך אויף בלינד, אָן אַ פּאַרוואָס, אַרעסטירט געוואָרן און געטריבן געוואָרן פון דער פּאָליציי פון איין אָרט צום אַנדערן. נאָך זיין אַנטלויפן איז ער קודם־כל געקומען קיין לאָנדאָן, ווו ריקענס האָט זיך דעמאָלט מיט אים באַקענט, און פון דאָרט איז ער אַוועק קיין קאַנאַדע. דאָרט איז ער פאַרבליבן צוויי יאָר, ביז דאָס לעבן איז אים אין יענער אומפריינט־לעכער סביבה אַזוי פאַרמיאוסט געוואָרן, אַז ער האָט באַשלאָסן זיך אומקערן קיין פראַנקרייך, מעג פּאַסירן וואָס ס׳זאָל פּאַסירן. נאָך זיין אָנקום קיין לאָנדאָן האָט בלויז אַ קליינע צאָל חברים געוווּסט וועגן אים, צווישן זיי איז אויך געווען ריקענס. מעניע איז געווען פעסט אַנטשלאָסן ביי זיך צו דערפירן צו דעם, אַז מ׳זאָל אין פּאַריז קעגן אים פאַרפירן אַ פּראָצעס, כּדי ער זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיך באַפרייען פון נעם חשד, וועלכער האָט אויף אים געהויערט. אָבער אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט אַרעסטירט ווערן תיכף ביים אַרויפקומען אויפן פראַנצויזישן באָדן, איז אים נאַטירלעך געגאַנגען שטאַרק אין דעם נישט באַקאַנט צו מאַכן קיינעם מיט זיינע פּלענער, ווייל פריער האָט ער געוואָלט צוגרייטן אַלע איינצלהייטן פאַר זיין פּראָצעס. נאָכדעם ווי ער האָט שטילערהייט פאַרבראַכט אין לאָנדאָן איין וואָך אָדער צוויי, איז ער איין אָן אָוונט אַוועק צו דער באַנסטאַציע צוזאַמען מיט ריקענסן, כּדי אָפּצופאָרן קיין פּאַריז.

ריקענס האָט מעניען באַגלייט צו דער באַן אויפן לעצטנס בקשה. ווייל אַזוי ווי ער האָט נישט געקאָנט קיין ענגליש, האָט ער געהאַלטן פאַר נייטיק צו האָבן עמעצן נעבן זיך, וועלכער זאָל אים ביישטיין ביים אַרויסנעמען דעם בילעט און איבערגעבן דעם עקיפּאַזש. ווי נאָר זיי זיינען אַריינגעקומען אין דער באַנסטאַציע, זיינען זיי תיכף אַרומגערינגלט געוואָרן פון ענגלישע געהיימאַגענטן און זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרן פונעם סאַמע שעף פון „סקאָטלאַנד יאַרד", מעלענוויל. ריקענס, קעגן וועמען עס איז נישט געווען קיין שום באַשולדיקונג, האָט תיכף געמוזט באַ־פרייט ווערן; מעניע אָבער איז געהאַלטן געוואָרן אין תּפיסה אין משך פון אייניקע וואָכן, ביז ס׳זיינען דורכגעפירט געוואָרן די פאָרמאַליטעטן פאַר זיין איבערשיקונג קיין פראַנקרייך. דאָרטן איז קעגן אים בערך מיט זעקס וואָכן שפּעטער פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט דערמיט, וואָס מען האָט אים פאַרמישפּט אויף לעבנסלענגלעכער צוואַנגסאַרבעט און אים פאַרשיקט אין איינער פון די באַרימטע שטראָפקאָלאָניעס קיין קאַיען, ווו ער איז מיט אייניקע יאָר שפּע־

טער אומגעקומען בעת אַ רעוואָלט פון די קאַטאָרזשניקעס. מעניע האָט ביז צום סוף געהאַלטן אין שטענדיקן איבערחזרן זיין אומשולד. זיין פּראָצעס איז אינדעראמתן געווען אַ פּאַקטישע פאַרגוואַלדיקונג פונעם געזעץ און איז אפילו פון יוריסטן אַזוי קוואַליפיצירט געוואָרן, ווייל ער איז פאַרמישפּט געוואָרן בלויז אויפן סמך פונעם עדות־זאָגן פון אַ פּרוי מיט אַ שלעכטן שם, וועמענס גלויבווירדיקייט איז געווען מער ווי צווייפלהאַפט, ביפרט, וואָס אויך זי אַליין איז צוזאַמען מיט איר געליבטן געזעסן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק און זייער אייגענער גורל איז געהאַנגען אויף אַ האָר. אָבער אין יענעם רעאַקציאָנערן פעריאָד און אונטערן דרוק פון די באַרימטע „לואַס סעלעראַטעס" האָט ביכלל נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן קיין אָנווענדונג פון רעכט און גערעכטיקייט בנוגע אַנאַרכיסטן.

ס׳איז קיינמאָל נישט אויפגעקלערט געוואָרן, ווי אַזוי די ענגלישע פּאָליציי איז געוויר געוואָרן וועגן מעניעס אָנוועזנהייט אין לאָנדאָן. אַז די אומשטענדן, ביי וועלכע ער איז אַרעסטירט געוואָרן, האָבן געקאָנט וואַרפן אַ חשד אויף ריקענסן, איז לייכט פאַרשטענדלעך, און פּוסטקעפּיקע פּלאַפּלער האָבן שוין געזאָרגט דער־פאַר, אַז דאָס, וועלכעס איז בלויז געווען אַ השערה, זאָל פון אַ סך באַטראַכט ווערן ווי אַ זיכערקייט. דער פאַקט איז, אַז מעניע גופא האָט קיינמאָל נישט געשטיצט אָט־דעם חשד, ווייל ווען צוויי פריינט, וועלכע האָבן אים בעתן אַרעסט אין לאָנ־דאָן באַזוכט, האָבן אים איבערגעגעבן, אַז ס׳זיינען פאַראַן אַזעלכע, וועלכע מאַכן ריקענסן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין אַרעסט, האָט ער געענטפערט: „אילס סאָן דע פו!" (זיי זיינען משוגע!).

מיט אָט־דעם פאַל האָט זיך שפּעטער באַשעפטיקט אַן ערנגעריכט, צו וועלכן אויך מאַלאַטעסטא איז צוגעצויגן געוואָרן. אָבער וואָס פאַראַ באַשלוס קען אַזאַ געריכט אָננעמען, אַז עס פעלט אים יעדער זיכערער פונדאַמענט? צי ריקענס איז יאָ אָדער נישט שולדיק געווען, האָט געקאָנט וויסן נאָר ער אַליין און מער קיינער נישט, מחמת ס׳איז נישט געווען קיין שום ממשותדיקער באַווייז פאַר זיין שולדי־קייט. דאָס, וואָס האָט געקאָנט רעכטפאַרטיקן דעם חשד קעגן אים, איז געווען בלויז דער אומשטאַנד, וואָס מעניע איז אַרעסטירט געוואָרן אין זיין קעגנוואַרט. אָבער ס׳האָט נישט געקאָנט זיין די רייד פון קיין שום באַוויז, ביפרט וואָס ריקענס האָט דאָך נאָך מיט צוויי יאָר צוריק געהאַט די מעגלעכקייט מעניען אויסצוגעבן דער פּאָליציי, ווען ער וואָלט אינדעראמתן געווען פון די, וועלכע פירן אַ פאַלשן שפּיל. אָבער קעגן דעם חשד האָט גערעדט זיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, ווייל אַ גרוי־סע צאָל דייטשע חברים, וועלכע האָבן נאָך דעמאָלט געלעבט, זיינען געווען באַ־קאַנט מיט זיין אַקטיוויטעט אין דער אַלטער אונטערערדישער באַוועגונג און זיי האָבן אויך געוווסט, אַז ריקענס איז געווען איינפאַרמירט וועגן געוויסע זאַכן, וועלכע האָבן געקאָנט זיין אַן אומגליק פאַר נישט איינעם, ווען ריקענס וואָלט טאַקע געווען אַ ווערקצייג פון דער פּאָליציי. אָבער וועגן אַזעלכע זאַכן האָט מען דעמאָלט נישט געקאָנט רעדן אין דער עפנטלעכקייט.

דאָס איז די טונקעלע זייט פון יעדער קאָנספּיראַטיווער באַוועגונג, וועלכע איז

אומפאַרמיידלעך פאַרבונדן מיט יעדער אונטערערדישער טעטיקייט. אפילו ווען מ׳גיט צו, אַז אין צייטן פון רעאַקציע איז די אונטערערדישע טעטיקייט גאַנץ אָפט דאָס איינציקע מיטל פאַר אַ באַוועגונג, אויב זי וויל נישט פרייוויליק קאַפּיטולירן, ווערן אָבער דערמיט נישט באַזייטיקט יענע אָנשיקענישן, וועלכע קאָנען אפילו פאַרן ערלעכסטן מענטשן ווערן אַ גורלדיקער אומגליק און אים צעברעכן זיין לעבן. מענטשן האָבן אַרויסגעבראַכט דעם עניין אין די צייטונגען נאָך איידער דאָס ערב־געריכט האָט געהאַט צייט אָנצונעמען אַ רעזאָלוציע. מ׳האָט טאַקע נישט געהאַט קיין שום פּאָזיטיוון באַווייז פאַר זיין שולד, אָבער אין אַזעלכע צייטן איז גענוג פאַר די לייכטגלויביקע אַ בלויזער שנעל אין דער נאָז, ביכדי מאָראַליש צו פאַר־אומווירדיקן אַ מענטשן.

טעלאַט האָט מיר יענעם אָוונט דערציילט אַלע איינצלהייטן פון יענער טרויע־ריקער פּאַסירונג, וועלכע האָט פאַרסמט זיין גאַנץ לעבן און אים אפילו געבראַכט צו אַזאַ צושטאַנד, אַז ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק פון זעלבסטמאָרד, מחמת זיין געמיטצושטאַנד איז אין די ערשטע צייטן געווען אַזעלכער, אַז ער האָט געמיינט, אַז ער וועט דאָס נישט קאָנען אויסהאַלטן. ער איז געווען אַזוי ענג פאַר־בונדן מיט דער באַוועגונג, וועלכער ער האָט אַלעס אַוועקגעגעבן, אַז ער האָט אָן איר נישט געקאָנט לעבן. אָבער ער האָט אויך באַגריפן, אַז ביי אַזעלכע אומשטענדן איז פאַר אים און פאַר דער באַוועגונג צום בעסטן, אַז ער זאָל זיך צוריקציען פון יעדער עפנטלעכער אַקטיוויטעט, ביכדי נישט אַרויסצורופן כסדר אַ נייעם חשד אויף זיך. אַזוי אַרום איז ער מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן פון לאָנדאָן און ער האָט געזוכט אַ מקום־מיקלט אין קאַנאַדע, וווהין ער וואָלט אָן אַט־דער טראַגעדיע קיינמאָל נישט געווען געפאָרן. אָבער ער איז געבליבן געטריי צו זיין איבערצייגונג ביז צום סוף פון זיין לעבן, וואָס ביי זיין כאַראַקטער איז דאָס אויך נישט מעגלעך געווען אַנדערש. ער האָט אויך צוגעהאָלפן דער באַוועגונג ווו נאָר ער האָט געקאָנט, און אַזוי ווי ער האָט געהאַט גוטע הכנסות, פלעגט ער כסדר רעגלמעסיק שיקן צו די חברים אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד זיין צושטייער, הגם יענע האָבן לגמרי נישט געוווּסט, פון וואַנען דאָס געלט קומט.

ווען איך האָב אים דעמאָלסט געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט זיך נישט געווענדט נאָך אַן עצה צו מאַלאַטעסטאַן, מיט וועמען ער איז דאָך געווען גוט באַקאַנט, האָט ער מיר געענטפערט: „צו דעם בין איך געווען צו שטאָלץ, ביפרט וואָס איך האָב זיך געפילט לגמרי אומשולדיק. חוץ דעם וואָלט אויך מאַלאַטעסטאַ נישט געווען אימ־שטאַנד צונישט צו מאַכן די קלאַנגען, וועלכע האָבן דעמאָלסט צירקולירט וועגן מיר. אויך ער וואָלט מיר מיסתמא געווען געקאָנט עצהן, אַז איך זאָל זיך צוריקציען פונעם עפנטלעכן לעבן און דאָס האָב איך דאָך סיי־ווי־סיי געטאָן“.

דאָס איז לכל־הדעות געווען ריכטיק אַזוי. פונדעסטוועגן האָב איך אים גע־פרעגט, צי האַלט ער נישט פאַר פּאַסיק און נייטיק, אַז איך זאָל נאָך מיין אומקער רעדן מיט מאַלאַטעסטאַן און אפשר אויך מיט קראָפּאָטקינען וועגן אַט־דעם לאַנג

שוין פאַרגעסענעם עיניך, ביכדי צו הערן זייער פּערזענלעכע מיינונג. טעלאַט האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט און דערנאָך געענטפערט:

„איך ווייס נישט, צי דאָס האָט אַ זין; אָבער ווען דו מיינסט, אַז ס'איז גוט אַזוי, האָב איך גאָרנישט קעגן דעם. קראָפּאָטקין איז אין דער גאַנצער זאַך נישט געווען באַטייליקט, און ערריקאָ וועט דיר מיסתמא אויך נישט קאָנען זאָגן מער ווי איך. פונדעסטוועגן וואָלט איך נישט געוואָלט, אַז דער עיניך זאָל פונדאַסניי אַרויס אין דער עפנטלעכקייט. איך האָב שוין שלום געמאַכט מיט דער לאַגע אַזוי גוט ווי איך האָב געקאָנט און איך פיל נישט קיין באַדערפעניש נאָכאַמאָל דורכצומאַכן יענעם עגמת־נפש, וואָס איך האָב דעמאָלט דורכגעמאַכט".

איך האָב שפּעטער דערציילט מאַלאַטעסטאַן וועגן מיין מערקווירדיקער באַגע־געניש מיט ריקענסן. ער איז געווען שטאַרק איבערגעראַשט, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין אַנונג, וואָס ס'האָט מיט אים פּאַסירט. מיר האָבן נאָכאַמאָל אַרומגע־רעדט יענעם טראַגישן עיניך אין אַלע פּרטים, אָבער אויך מאַלאַטעסטאַ האָט מיר נישט געקאָנט זאָגן מער וועגן דעם אַלעם, ווי דאָס, וואָס טעלאַט האָט מיר געזאָגט. ווען איך האָב אים געפרעגט זיין פּערזענלעכע מיינונג וועגן ריקענסן, האָט ער מיר געענטפערט:

„איך אַליין האָב קיינמאָל נישט געגלייבט אין זיין שולדיקייט, ווייל אַלעס, וואָס מיר איז געווען באַקאַנט וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט, האָט גערעדט קעגן דעם. אָבער אין זיין פאַל האָט זיך צונויפגעטראָפן אַן אומגליקלעכער פלאַנטער פון פּאַסירונגען, וועלכע האָבן געמוזט אַרויסרופן אַ חשד אויף אים, ביפרט ביי מענטשן, וועלכע זיינען נישט געווען באַקאַנט מיט זיין פאַרגאַנגענהייט. מ'האָט אים זיכער אָנגעטאָן אַ גרויס אומגערעכטיקייט, אָבער דאָס איז ביי דער גאַנצער לאַגע פון די דעמאָלסטיקע אומשטענדן געווען אומפאַרמיידלעך. דאָס, וואָס ער איז, נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, געבליבן געטריי צו זיינע איבערצייגונגען און אויך כסדר זיך באַמיט צו העלפן דער באַוועגונג, רעדט לטובת זיין ערלעכקייט".

אויף זיין בקשה האָב איך אים געגעבן טעלאַטס אַדרעס. ער האָט אים תיכף אָנגעשריבן א שיינעם, וואַרעמען און האַרציקן בריוו, וועלכן טעלאַט האָט מיר ביי מיין צווייטן באַזוך אין מאָנטרעאַל געוויזן, אַ בריוו, וועלכער איז דער בעסטער עדות פאַר מאַלאַטעסטאַס טיפער מענטשלעכער פאַרשטענדעניש. טעלאַט האָט מיר באַלד נאָכן באַקומען יענעם בריוו געשריבן מיט גרויס פרייד: „טאַקע גוט, וואָס דו האָסט גערעדט מיט ערריקאָן. איך האָב טאַקע קיינמאָל נישט געגלייבט, אַז ער האָט גע־צווייפלט אין מיין אומשולד, אָבער ס'ווירקט דאָך גוט אויף מיר, ווען איך בין נאָך אַזויפיל יאָרן געוואויר געוואָרן פון אים אַליין, וואָס ער האַלט וועגן דעם גאַנצן עיניך, אויף וועלכן ס'איז שוין לאַנג אָנגעוואַקסן גראָז".

איך בין מיט טעלאַטן די גאַנצע צייט געשטאַנען אין שריפטלעכן פאַרקער און בעת מיינע שפּעטערדיקע באַזוכן אין מאָנטרעאַל האָב איך פאַרבראַכט אייניקע שיינע און אינטערעסאַנטע שעהן אין זיין געזעלשאַפט. ער איז דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 1932 און איך פיל א שטאַרקע סאַטיספאַקציע דאָ צו קאָנען דערציילן וועגן זיין

פאַל, ביכדי אים דערמיט אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד, אַזעלכע מענטשן פון זיין שניט, וועלכע זיינען אין זייערע יוגנטלעכע יאָרן אונטערן דרוק פון אַ ברוטאַלער רעאַקציע אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, זיינען אַביסל אומפארשטענדלעך פאַר יענע אַלע, וועלכע האָבן נישט מיטגעמאַכט, נישט דורכ־געלעבט אַזעלכע צייטן. אָבער זייער געשיכטע איז פונדעסטוועגן זייער אילוסטראַ־טיוו, ווייל זי ווייזט, ווי שווער ס׳זיינען געווען די וועגן, אויף וועלכע זיי זיינען געווען געצוווּנגען צו גיין.

# פון קוויבעק ביז אָנטאַריאָ

פון מאָנטרעאָל האָב איך קודם־כל געמאַכט א קורצן אַרויספאָר קיין אָטאַוואָ, ווו ס׳זיינען פאַר מיר געווען אַראַנזשירט צוויי רעפעראַטן. די רייזע קיין אָטאַוואָ דויערט בלויז איניקע שעה, אָבער די אַנדערשקייט איז אַ דערשטוינלעכע און וואַרפט זיך באַלד אין די אויגן, ווי־נאָר מ׳פאָרט־אַריבער דעם טייך אָטאַוואָ, וועל־כער טיילט־אָפּ דעם דרומדיקן טייל פון דער פּראָווינץ קוויבעק פון דער פּראָווינץ אָנטאַריאָ. מ׳פילט, ווי מ׳וואָלט מיטאַמאָל אַריינגעקומען אין א נייער וועלט. אַפילו די דערפער מיט זייערע פּריינטלעך־אויסזעענדיקע און ריינע הייזער אונטערשיידן זיך באַדייטנדיק פון די אָרעמלעכע, פאַרוואָרלאָזטע הייזקעס פון די פראַנצויזישע קאַנאַדער, און קודם־כל זעט מען שוין נישט קיין גלחים, מאָנאַכן און מאָנאַשקעס, וועלכע מ׳באַגעגנט אויף יעדן טריט און שריט אין מאָנטרעאָל.

די שטאָט אָטאַוואָ האָט דעמאָלסט מיסתמא נישט געהאַט קיין 50.000 איינוווי־נער, אָבער זי איז געווען אויסגעבויט זייער ברחבותדיק און אויסגערעכנט פאַר דער צוקונפט, ווי דער רוב אמעריקאַנער שטעט, ווייל אין יענע ריזיקע לענדער שפּילט דער פּלאַץ נישט קיין שום ראָלע. אָטאַוואָ איז דער זיצפּלאַץ פונעם קאַנאַדישן פּאַר־לאַמענט און איז אַ זייער ריינע אָנגענעמע שטאָט מיט ברייטע גאַסן און באַקוועם־איינגעאָרדנטע הייזער. איך האָב אין משך פון די עטלעכע טעג, וואָס איך האָב דאָרט פאַרבראַכט, געוווינט ביי מיינע פריינט פּאַלינסקי, מיט וועלכע איך האָב זיך נאָך געקאָנט פון ענגלאַנד. מיינע ביידע רעפעראַטן זיינען אַראַנזשירט געוואָרן פון אַ קליינעם קרייז ראַדיקאַלע אַרבעטער, וועלכער האָט אַרומגענומען אָנהענגער פון די פאַרשידנסטע סאָציאַליסטישע ריכטונגען. אין יענע קליינע שטעט, ווו דער פּראָ־גרעסיווער טייל פון דער באַפעלקערונג איז בלויז אַ פאַרשווינדנדיק־קליינע מינדער־הייט, זיינען די אונטערשידן צווישן די פאַרשידענע ריכטונגען נישט אַזוי שאַרף אָנזעעוודיק ווי אין די גרויסע שטעט, מחמת די מענטשן זיינען מער אָנגעוויזן איינע אויף די אַנדערע און זיי קאָנען זיך נישט פאַרגינען דעם לוקסוס אויפצוהאַלטן באַ־זונדערע אָרגאַניזאַציעס.

דער צונויפקום צו מיינע ביידע רעפעראַטן איז אין אָטאַוואָ געווען דער גרעס־טער, וועלכן די דאָרטיקע יידישע באַפעלקערונג האָט ביז דעמאָלסט געהאַט, און אויף מיר האָט עס איבערגעלאָזן אַ זייער איינגענעמען איינדרוק. אָבער דעם צווייטן צונויפקום וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, נישט אַזוי צוליב דעם צונויפקום

גופא, ווי צוליב די באמת אומאַנגענעמע באַגלייטנדיקע דערשיינונגען. ער איז פאַרגעקומען אין א זונטיק נאָכמיטיק, און אַזוי ווי אינעם פוריטאַנישן אָטאַוואַ ווערן אַלע עפנטלעכע טראַנספּאָרטמיטלען אין די זונטיקן און יום־טוב־טעג אָפּגע־שטעלט, און קיין אויטאָמאָבילן זיינען נאָך אין יענער צייט נישט געווען, האָבן מיר געמוזט דורכמאַכן צופוס דעם וועג צום לאָקאַל פון דער פאַרזאַמלונג, אַ מהלך פון איבער א מייל. ס'האָט אפילו געהערשט א ביטערע קעלט, אָבער ס'איז נישט געווען קיין ווינט און די זון האָט געשיינט, אַזוי אַז דער שפּאַציר איז געווען אַ געוווּנטשע־נער. אָבער בעת מיין רעפעראַט האָט זיך דאָס וועטער מיטאַמאָל געביטן און ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אהיים, זיינען מיר פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ ווילדן שניי־שטורעם, אַזוי אַז מיר האָבן זיך קוים געקאָנט רירן פאָרויס, מחמת דער ווינט האָט אונדז געבלאָזן אין פּנים אַריין. אַפילו מיין דיקער מאנטל און די אנדערע מלבושים האָבן מיר גאָרנישט געקאָנט העלפן, ווייל אָט־דער אייז־קאַלטער ווינט האָט גע־ליימט אַלע גלידער. מיר האָבן כימעט דעם גאַנצן וועג געמוזט גיין אויף הינטערווייליק, בכדי צו קאָנען כאַפּן דעם אָטעם. זען האָבן מיר אויך נישט געקאָנט, ווייל דער שניי האָט זיך אָנגעלייגט אויף די ברילן און איז תיכף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אייז. כימעט צוויי שעה האָט אונדז גענומען דער וועג אַהיים. ביי אַזאַ מין קלימאַט מוז אפילו די הייסטע רעוואָלוציאָנערע שטימונג פאַרפרוירן ווערן.

פון אָטאַוואַ האָב איך זיך באַנייס געמוזט אומקערן קיין מאָנטרעאַל, ווייל פאַר מיין אָפּפאָרן קיין טאָראָנטאָ האָב איך נאַטירלעך געמוזט זיין ביים אומפאַרמיידלעכן אָפּשיידסבאַנקעט. אַזעלכע באַנקעטן, צו וועלכע מיר זיינען אין אייראָפּע נישט גע־וווינט, געהערן, קענטיק, אין נאָרדאַמעריקע צו די לעבנסבאַדערפעניש. מ'קאָן פּשוט נישט אויסקומען אָן זיי. ס'ווערט ביי זיי געוויינלעך א סך געגעסן און געטרונקען און נאָך דער סעודה האָט כימעט יעדער איינער עפּעס צו זאָגן. דער קעגנשטאַנד פון אָט־דער אויפמערקזאַמקייט איז נאַטירלעך דער גאַסט, וועמען מ'רעדט אַזוי לאַנג איין, וואָס פאַראַ אוצר פון דער מענטשהייט ער איז, אַז ער הייבט דערנאָך אַליין אָן גלייבן אין דעם. איך אַליין האָב אויף מיינע רייזעס איבער קאַנאַדע און די פאַרייניקטע שטאַטן געמוזט זיין אויף הונדערטער באַנקעטן אַזעלכע און איך בין אויף זיי געוויר געוואָרן אַזעלכע וווּנדערבאַרע און פאַר מיר אָפט גענצלעך אומבאַ־קאַנטע זאַכן וועגן זיך גופא, אַז ס'האָט מיר אויפריכטיק באַנג געטאָן, וואָס איך האָב נאָך פון פריער נישט געוווּסט, וואָס פאַראַ זעלטענער עקזעמפּליאַר איך בין. אָבער וועגן געשמאַק־זאַכן דאַרף מען זיך נישט שפּאַרן, מחמת צו קיין טאָלק קאָן מען דאָך סיי־ווי דערביי נישט דערגיין, און — אַנדערע לענדער, אַנדערע מינהגים.

נאָך א רייזע פון פערצן שעה בין איך דעם 8טן מערץ גאַנץ פרי אָנגעקומען קיין טאָראָנטאָ. אויף דער באַנסטאַנציע האָבן שוין אויף מיר געוואַרט מיין פריינט י. דעססער און אייניקע אַנדערע חברים. מיט דעססערן האָב איך איך זיך נאָך געקענט פון לאָנדאָן, ווו ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער גרופּע „זשערמינאַל“ און אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. בעת אין מאָנטרעאַל איז נאָך אַלעס געווען שטייף און געפרוירן, איז שוין דאָס וועטער אין טאָראָנטאָ געווען מילד און מ'האָט געפילט דעם

אַנקום פונעם פּרילינג. די חברים האָבן מיך אָפּגעפירט אין דער פריינטלעכער היים פון דער פאַמיליע יודקין, ביי וועלכער איך האָב פאַר דער צייט פון מיין דאָרטיקן אויפהאַלט געוואָסן פון דער אָנגענעמסטער גאַסטפריינטלעכקייט. נאָך איינעם זעלביקן טאָג האָב איך זיך באַקאַנט מיט די חברים פונעם ענגסטן קרייז פון דער באַוועגונג. דאָס איז געווען אַ פריינטלעכער קרייז פון אָנגענעמע און ווילע מענטשן, צווישן וועלכע מ׳האָט זיך געפילט גאָר גוט, ביפרט, וואָס איך האָב צווישן זיי געפונען אַ היפּשע צאָל אַלטע באַקאַנטע, ווי: לענדבאָרד, ל. שטיינבערג, מ. סימקין און אייניקע אַנדערע, מיט וועמען איך האָב נאָך אין דער לאָנדאָנער באַוועגונג געאַרבעט צוזאַמען.

אָט־די דערשיינונג האָט זיך אייגנטלעך איבערגעחזרט אין אַלע שטעט, וועלכע ס׳איז מיר דעמאָלסט און שפּעטער אויסגעקומען צו באַזוכן. איך האָב אין די שפּע־טערדיקע יאָרן עטלעכע מאָל דורכגערייזט גאַנץ קאַנאַדע, פון מאָנטרעאָל ביז וואַנ־קאָווער און די פאַרייניקטע שטאַטן פון ניו־יאָרק ביז סאַן פראַנציסקאָ און פון מעק־סיקע ביז קאַנאַדע, אָבער איך געדענק נישט, ס׳זאָל געווען האָבן פּאַסירט, אַז איך זאָל אין וועלכע־ס׳איז פון די אַלע ערטער נישט געווען האָבן געטראָפן אַלטע פריינט פון גלאַזגאָו, לידז, מאַנטשעסטער, ליווערפּול און בעיקר פון לאָנדאָן. אפילו אין די ווייט־פאַרוואָרפנסטע ווינקלען האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַלטע חברים, וועלכע דאָס לעבן האָט פאַרוואָרפן דאָ אַהער. דער רוב פון זיי האָט אין אַמעריקע געלעבט אין אומפאַרגלייכלעך־בעסערע פאַרהעלטענישן ווי אין ענגלאַנד, אָבער אין גייסט זיינען זיי שטענדיק געבליבן פאַרבונדן מיט דער אַלטער לאָנדאָנער באַוועגונג, וווּ זיי האָבן אויפגענומען די בעסטע איינדרוקן פון זייער לעבן, איינדרוקן, וועלכע זיי האָבן, ווי פאַנטאַסטישע געדעכענישן פון לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטן, קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרגעסן. ערשט דעמאָלסט האָב איך ריכטיק פאַרשטאַנען, וואָס אַזוינס די אַלטע באַוועגונג אין לאָנדאָן האָט אויפגעטאָן און ווי ווייט עס האָט זיך פונאַנדערגע־שפּרייט איר קולטורעלער איינפלוס. פאַר דער היימישער באַוועגונג אין אַמעריקע איז דער־אָ כסדרדיקער שטראָם פון נייע כוחות פון ענגלאַנד אַ גרויסער געווינס. דער מענטשלעכער רוימאַטעריאַל, וועלכער איז אין יענע יאָרן געקומען פון מיזרח־אייראָפּע קיין ענגלאַנד, איז דאָרט פריער גייסטיק אויסגעאַרבעט געוואָרן, און פון דאָרט איז ער ווי אַ פאַרטיקער מאַטעריאַל אַזוי־צו־זאָגן אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אַמעריקע.

טאָראָנטאָ, די צווייטע שטאָט פון קאַנאַדע לויט איר גרויס, האָט שוין אין דער צייט פון מיין באַזוך געהאַט מער ווי 300.000 איינוווינער און האָט זינט ז׳עמאָלסט זיכער שוין לאַנג פאַרטאָפּלט דידאָזיקע צאָל. די שטאָט, וועלכע ליגט אויפן צפונדיקן ברעג פון דער פּרעכטיקער אָזערע אָנטאַריאָ, איז אָן ספק איינע פון די ריינסטע שטעט פון קאַנאַדע. אירע ריינע און גוט־אָפּגעהיטע גאַסן, אויף וועמעס בײדע זייטן ס׳זיינען גאַנץ אָפט פאַראַןביימער, מאַכן אויפן ערשטן בליק אַ גוטן איינדרוק, וועלכן מ׳פילט זעלטן־ווען אין מאָנטרעאָל, נישט געקוקט אויף איר שיינער אומ־געגנט. אַ ספּעציעלן איינדרוק מאַכט דער פאַרנעמיקער און געשמאַקפולער פּיזאַזש,

וועלכער רינגלט־אַרום די רחבותדיקע בנינים פון דער אוניווערזיטעט־געגנט. טאָראָנטאָ איז אַ מאָדערנע שטאָט, וועלכע איז אין איר אַנטוויקלונג נישט אָפּגעהאַלטן געוואָרן פון אַנהייב אָן דורכן פּאַראַליזירנדיקן איינפלוס פון אַן אַלמעכטיקער טעאָקראַטיע, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין מאָנטרעאָל. שוין דעמאָלסט איז דאָס געווען בולט צו מערקן אויף יעדן געביט און האָט געגעבן דער שטאָט טאָראָנטאָ און טאָקע דער גאַנצער פּראָווינץ אָנטאַריאָ אַ מעכטיקן פאָרצוג לגבי קוויבעק, ווו דער גרעסטער טייל פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג, אין ספּעציעל די דאָרפישע, האָט נאָך געלעבט אין מיטלאַלטערלעכע פאַרהעלטענישן.

טאָראָנטאָ האָט שוין אין יענער צייט געהאַט אַ גאַנץ גוט־אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט אינעם „טרייד קאָונסיל" פון דער שטאָט געהאַט איר פאַרבינדונגסאָרגאַניזאַציע פאַר די פאַרשידענע פאַכפאַריינען. אויך די יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען על־פּי־רוב געווען באַשעפטיקט אין דער באַקלייד־אינדוסטריע, האָבן באַלאַנגט צו אָט־דער אָרגאַניזאַציע, און אַזוי ווי אונדזערע חברים האָבן גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, בין איך פונעם „טרייד־קאָונסיל" פאַרבעטן געוואָרן צו האַלטן אַ רעדע אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געווען אַן אויסגעצייכנטע דעמאָנסטראַציע. געווען דאָס ערשטע מאָל, אַז אַן אויסגעשפּראָכענער אַנאַרכיסט איז פאַרבעטן געוואָרן פון אָט־דער אָרגאַניזאַציע ווי אַ רעדנער.

צווישן די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג אין טאָראָנטאָ האָט אונדזער אייגענע באַוועגונג דעמאָלסט פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ, אַ דאַנק דער רירעוודיקער אַקטיוויטעט פון אונדזערע חברים. די יידישע סאָציאַלדעמאָקראַטן זיינען געווען אין יענער צייט, פּונקט ווי אומעטום אין אַמעריקע, צעטיילט אין צוויי פאַרשידענע ריכטונגען און זיי האָבן צוליב אָט־דער אינערלעכער שפּאַלטונג נישט געקאָנט האָבן קיין גרויסן דערפאָלג. חוץ די אַנאַרכיסטן און סאָציאַלדעמאָקראַטן איז נאָך געווען אַ גרופּירונג פון די פּועלי־ציון, וועלכע איז געווען דער סאָציאַליסטישער פליגל אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. יענע גרופּירונג איז אַפילו נישט געווען זייער גרויס, אָבער פונדעסטוועגן האָט זי געהאַט אַ היפּשע צאָל יונגע אינטעליגענטע מענטשן און זי האָט זיך בעיקר פאַרנומען מיט קולטורעלער טעטיקייט. זי האָט דעמאָלסט געהאַט אין איר רשות אַ שול פאַר קינדער, וועלכע איז אויך אונטערגעשטיצט געוואָרן פון אַנדערע סאָציאַליסטישע ריכטונגען. די וויכטיקע אויפגאַבע פון יענער שול איז געווען אין זייער ענגלישער סביבה צו לערנען די קינדער די שפּראַך פון זייערע עלטערן, ביכדי צו דערמעגלעכן אַ בעסער פאַרשטענדעניש צווישן דעם אַלטן און יונגן דור. רעליגיעזע השפּעות זיינען דאָ לגמרי געווען אויסגעשלאָסן און דער גאַנצער לימוד איז געווען אוועקגעשטעלט אַזוי, אַז די קינדער זאָלן באַקאַנט ווערן מיט די גרונט־פּרינציפּן פון דער סאָציאַליסטישער עטיק און צו אַנטוויקלען זייער פּערזענלעכקייטסגעפיל.

די פּועלי־ציוניסטן אין טאָראָנטאָ האָבן דעמאָלסט פאַרטראָטן אַ פיל פרייערן סאָציאַליסטישן באַנעם ווי די מאַרקסיסטישע שיטה און זיי זיינען דעריבער געשטאַ־

נען אין זייער פריינטלעכע באַציונגען מיט אונדזערע חברים. דערפון האָט זיך עס גענומען, וואָס איך בין פון די לערער פון דער שול פאַרבעטן געוואָרן צו האַלטן אַ קורצן שמועס מיט די עלטערע קינדער. אַ ווענדונג, וואָס איך האָב גערן אָנגענומען. דער לעבעדיקער איינדרוק, וואָס מיינע פשוטע, צום פאַרשטענדעניש פון די קינדער צוגעפּאַסטע רייד האָבן געהאַט, האָט מיר באַוויזן, אַז ס'האָט זיך געלוינט די מי.

אַגב, אַזעלכע סאָציאַליסטישע שולן זיינען נאָך אויך היינט פאַראַן אין יעדער גרעסערער שטאָט פון קאַנאַדע און פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו ס'האָט זיך איז משך פון די יאָרן באַזעצט אַ היפּש גרויסע אַרבעטערישע באַפעלקערונג. דער רוב פון אָט־די שולן ווערן היינט שטאַרק אונטערגעשטיצט פון דער גרויסער צאָל בּרענטשעס פונעם אַרבעטער־רינג, אַ קערפּערשאַפט פון די יידישע אַרבעטער פאַר קעגנזייטיקער הילף, וועלכע איז פונאַנדערגעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. דידאָזיקע שולן האָבן אַ גרויסע ענלעכקייט מיט די דערציונגסאַנשטאַלטן פון די „פרייע געמיינדעס", וועלכע די דייטשע עמיגראַנטן האָבן געגרינדעט אומעטום אין די פאַראייניקטע שטאַטן נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 1848־49 און וועלכע האָבן ביז אין די ניינציקער יאָרן אָנגעפירט אַ געבענטשטע קולטור־טעטיקייט צווישן דער דייטשער באַפעלקערונג פון אַמעריקע. דער אורשפּרונג פון אָט־די ביידע באַוועגונגען דאַרף מען מיסתמא דערקלערן בעיקר מיט דעם, וואָס די גייסטיק־פּראָגרעסיווע טיילן פון דער דייטשער און יידישער באַפעלקערונג האָבן געוואָלט, אַז אויך זייערע קינדער זאָלן גיין אין זייערע פּראָגרעסיווע דרכים, ביפרט, וואָס די שטאַרק־פאַרשפּרייטע אַמעריקאַנישע זונטיק־שול איז כימעט געלעגן אין די הענט פון די רעליגיעזע סעקטעס און במילא האָט זי נישט געקאָנט דערפילן אָט־דעם ווונטש פון די עלטערן.

חוץ די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די פאַרשידענע פּאָליטישע ריכטונגען פון דער יידישער אַרבעטערבאַוועגונג אין טאָראָנטאָ זיינען נאָך געווען דאָרט צוויי בּרענטשעס פונעם אַרבעטער־רינג, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון אָנהענגער פון אַלע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, פּונקט ווי אומעטום אין קאַנאַדע און אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דער „אַרבעטער־רינג" איז אַזאַ מין פאַרזיכערונגסגעזעלשאַפט פון די יידישע סאָציאַליסטן פון אַלע ריכטונגען, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן, ביכדי צו פאַרזיכערן זיינע מיטגלידער די נייטיקע הילף אין דער צייט פון קראַנקייט און אין אַן אַנדערער עת־צרה. אָבער דאָס, וואָס אונטערשיידט וועזנטלעך אָט־די קערפּערשאַפט פון דער גרויסער צאָל אַנדערע אונטערשטיצונגס־אַנשטאַלטן אין אַמעריקע, איז דער אומשטאַנד, וואָס זי פאַרווענדט אַ גרויסן טייל פון אירע הכנסות צו שטיצן סאָציאַליסטישע און אַלגעמיין־קולטורעלע אונטערנעמונגען פון פּראָגרעסיוון כאַראַקטער און זי באַטייליקט זיך אויך צומאָלס אין אינטערנאַציאָנאַלע הילפסאַקציעס פאַר אַזעלכע צוועקן. די גרויסע צאָל „בּרענטשעס", וועלכע דער „אַרבעטער־רינג" האָט אין אַלע טיילן פון קאַנאַדע און פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פירן אומעטום אָן אַ רירעוודיקע לאָקאַלע טעטיקייט פאַרן פאַרשפּרייט פון פּראָגרעסיווע אידעען און

זיי פאַרבעטן אָפּט רעדנער פון די פאַרשידנסטע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, ביכדי צו שטיצן אַזעלכע שטרעבונגען, און דערביי האָט יעדע באַזונדערע לאָקאַלע גרופּע דאָס רעכט צו אַרבעטן פאַר אירע אייגענע באַזונדערע אָנשויונגען. א סך פון די־דאָזיקע ברענטשעס באַשטייען פון לאַנדסלייט אָדער פון אידעען־חברים פון א געוויסער ריכטונג, וועמעס קולטורעלע ארבעט איז נישט אויסגעשטעלט צו קיין שום באַגרענעצונג. וואָס מ׳פאָדערט פון די איינצלנע ברענטשעס איז בלויז דאָס, אַז זיי זאָלן אָנערקענען די אַלגעמיינע פּרינציפּן פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע און אייַנצאָלן רעגלמעסיק א באַשטימטע קוואָטע פון יעדן מיטגליד אינעם פּאַרוואַלטונגס־ראַט אין ניו־יאָרק, ביכדי צו קאָנען אויסצאָלן די רעגלאַמענטאַרישע אונטערשטיצונג. דער רעשט פון אָט־די איינגעצאָלטע קוואָטעס קאָן יעדער לאָקאַלער ברענטש פאַרווענדן לויט זיין אייגענעם איינזען, ביכדי נאָכצוקומען די באַזונדערע ווונטשן און באַדערפעונישן פון זיינע מיטגלידער.

דער פאַקט איז, אַז כימעט אַלע גרופּן פון די יידישע אַנאַרכיסטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע האָבן באַלאַנגט צום אַרבעטער־רינג ווי באַזונדערע ברענטשעס און ווי אַזעלכע זיינען זיי געווען אַקטיוו פאַר זייער אייגענער באַוועגונג. און הגם די סאָציאַלדעמאָקראַטישע ריכטונג שטעלט־צונויף די גרויסע מערהייט פון דער מיטגלידערשאַפט צוליב איר נומערישער שטאַרקייט אינעם גאַנצן לאַנד, איז אָבער דאָסדאָזיקע פאַרהעלטעניש, וועלכעס האָט אלעמען צונויפגעפירט פאַר א בשותפותדיקן צוועק און נישט באַווירקט די פולע באַוועגונגספרייהייט פון קיין שום ריכטונג, קיינמאָל ערנסט נישט געשטערט געוואָרן. ערשט מיט דער אנטוויקלונג פון דער מאָדערנער קאָמוניסטישער באַוועגונג, ווען די אָנהענגער פון אָט־דער ריכטונג האָבן געמאכט א פּרווו אוועקצושטעלן דעם „אַרבעטער־רינג" אונטער דער דיקטאַטור פון דער קאָמ. פּאַרטיי, וואָס דערביי זיינען פאַר זיי אַלע מיטלען געווען כשר, איז געקומען צו אַן ערנסטער שפּאַלטונג, וועלכע האָט אָבער נישט געהאַט קיין ערנסטע רעזולטאַטן, וואָרן די אנדערע ריכטונגען האָבן זיך ענערגיש אוועקגעשטעלט קעגן די פאַרכאַפּונגס־פּרווון, ביז די קאָמוניסטן זיינען לסוף געווען געצווונגען זיך אָפּצוטראָגן פונעם קאָמפּסגעביט, אויף וועלכן זיי האָבן נישט געקאָנט אויסקעמפן קיין לאָרבערקרענץ. זיי האָבן דערנאָך געגרינדעט אַן אייגענעם „רינג", אָבער דעם „אַרבעטער־רינג" האָבן זיי נישט געקאָנט שעדיקן.

דער „אַרבעטער־רינג" האָט אין משך פון זיין לאַנגיעריקער עקזיסטענץ דורכגעפירט געוויסע גרויסע און נוצלעכע אַרבעטן, וועלכע זיינען אויסגעפאַלן לטובת אַלע ריכטונגען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דורכן צונויפנעמען די כוחות זיינען זיינע מיטגלידער געווען אימשטאַנד צו שאַפן אַ גאַנצע ריי וויכטיקע סאָציאַלע אַנשטאַלטן, צווישן זיי אייניקע פון די בעסטע סאַנאַטאָריעס אין די פאַרייניקטע שטאַטן.

איך בין פאַרבליבן איבער דריי וואָכן אין טאָראָנטאָ און האָב דאָרט געגעבן אַרום צען אויסגעצייכנט־באַזוכטע רעפעראַטן פאַר פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, אויך אונדזערע אייגענע צווישן זיי. אויך די דיסקוסיעס נאָך יעדן פון די רעפעראַטן זיינען געווען באַלערנדיק און אינטערעסאַנט, באַזונדערס ווען איך האָב דיסקוטירט מיט די־

פועלי־ציוניסטן וועגן דער פראַגע פונעם נאַציאָנאַליזם, מחמת איך האָב דאָרט גע־האַט צו טאָן מיט אינטעליגענטע מענטשן. אין אַזאַ פאַל זיינען די דיסקוסיעס תמיד פרוכפּעריק, ווייל זיי באַוועגן די צוהערער אַליין זיך צו פאַרטראַכטן.

וועגן מיינע סאָציאַלדעמאָקראַטישע קעגנער פון טאָראָנטאָ קאָן איך, צום באַ־דויערן, נישט זאָגן דאָסזעלביקע. ווייל ס'האָט דעם רוב פון זיי געפעלט די גייסטיקע צוגרייטונג צו קאָנען ווי געהעריק פאַרטרעטן זייער קוק אויף זאַכן. צוליב דעם פלעגן זיי זיך געוויינלעך אַוועקלאָזן אין אַלערליי זייטיקע און נעבנזאַכלעכע פּרטים, וועלכע האָבן אָפט אויסגעזען גראָטעסק. געווען ספּעציעל איינער פון זיי, וועלכער האָט זיך אַרויסגעשטעלט ווי מיין אָפּאָנענט ביי אַלע רעפעראַטן און רק געוואָלט וויסן, ווי אַזוי מ'וועט זיך נוהג זיין אין אַן אַנאַרכיסטישער געזעלשאַפט, ווען מ'וועט דאַרפן בויען אַ בריק און די מערהייט וועט זיין פאַר אַ בויגנפאָרמיקער בריק, בעת די מינדערהייט וועט אונטער אַלע אומשטענדן דווקא וועלן האָבן אַ פּאָנטנבריק. פאַר אָט דעם ווילן מענטש איז דער גאַנצער סאָציאַליזם געווען אַ פּראָבלעם פון בריקן, און אַזוי ווי ער איז געווען באַהאַוונט מיט בויגנבריקן, הענגבריקן, צוגבריקן, דריי־בריקן א.א.וו., פלעגט ער צו יעדן רעפעראַט קומען מיט דער זעלביקער פראַגע, וועלכע האָט אים, קאָנטיק, נישט צורו געלאָזט, ביז דער ענין איז מיר לסוף געוואָרן לעסטיק. און ווען ער האָט מיר ביי אַ רעפעראַט וועגן הענריק איבסען ווידער גע־שטעלט דיזעלביקע שאלה, וועלכע האָט זיך געקלעפּט ווי אַרבעס צו דער וואַנט, האָב איך אים דערקלערט, אַז זיין שאלה האָט לגמרי נישט קיין שום זין, ווייל אין אַן אַנאַרכיסטישער געזעלשאַפט וועלן אינגאַנצן נישט זיין קיין בריקן.

— ס'וועלן נישט זיין קיין בריקן? — האָט ער מיר איבערגעריסן. — ווי אַזוי־זשע וועט איר קאָנען אויסקומען אָן בריקן?

— מיר וועלן שווימען, — האָב איך געזאָגט גאַנץ געלאַסן.

מיין ענטפער האָט פאַרשטייט זיך אַרויסגערופן אַ געלעכטער אין גאַנצן זאַל, וועלכעס האָט אונדזער בריקן־פילאָזאָף אינגאַנצן אַרויסגעפירט פון די כלים. ער איז אייך ווייטער געקומען צו מיינע רעפעראַטן, אָבער מיר מער נישט געשטעלט קיין פראַגעס.

נאָך מיין לעצטן רעפעראַט אין טאָראָנטאָ האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן אַ קורצן אַרויספאָר קיין טאָוואַנדאַ, אינעם שכנישן פּענסילוואַניע, ווו ס'האָט געוווינט מיליס שוועסטער פאַני מיט איר פאַמיליע, ביכדי זיך צו פאַרגינען אַ קורצן אָפּרו נאָך די ביזן וואַכנדיקע מוטשענישן.

דער חבר ראָזענבערג האָט מיר געהאַט צוגעזאָגט מיך צו באַגלייטן ביז צום וואַסערפאַל פון ניאַגאַראַ און דאָס איז פאַר מיר נאַטירלעך געווען אַ זייער אָנגע־לייגטער צוזאָג. מיר האָבן פאַרלאָזט טאָראָנטאָ דעם 24טן מערץ גאַנץ פרי און נאָך פאַר מיטיק זיינען מיר אָנגעקומען צום וואַסערפאַל. דאָס וועטער איז געווען אַ מחיה־דיקס; ס'איז געווען אַ פּראַכטפולער פרילינגסטאָג. מיר זיינען אַריבערגעגאַנגען סוספּענסיאָן ברידזש, די קורצע בריק, וועלכע פאַרבינדט קאַנאַדע מיט די פאַריי־ניקטע שטאַטן, און אַריינגעקומען אינעם שטאַט ניו־יאָרק. דאָס שטעטל ניאַגאַראַ־

פאלס איז נאָך דעמאָלסט געווען זייער קליין און אין דער ווינטער־צייט געהאט גאַנץ ווייניק איינוווינער. די קליינע ארטשאפט, וועלכע לעבט זומער פון די טוריסטן, איז באַשטאַנען כימעט אויסשליסלעך פון גרעסערע אָדער קלענערע גאַסט־הייזער, פּענסיאָנען און קלייטן, וועלכע זיינען געעפנט נאָר אין די זומער־חדשים. ווען מיר זיינען דאָרט אַהין אָנגעקומען, זיינען די גאַסן געווען פּוסט, אינגאַנצן אָן מענטשן, די הייזער פארמאַכט און מיט גרויסע העגנשלעסער אויף די טירן. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך ווי די באַפעלקערונג וואָלט געווען אנטלאָפן פארן אָנקום פון אַ פיינטלעכער אַרמיי. אינעם גאַנצן שטעטל איז געווען אָפן בלויז איין אכסניה, וווּ מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. מיר זיינען דאָרט געווען די איינציקע געסט.

מיר האָבן דעם גאַנצן טאָג פארבראַכט ביי די וואַסערפאלן אָדער ארומשפּאַצירט גאַנצע מיילן לענגאויס דעם ברעג פונעם ניאַגאַרא, ווו מיר האָבן אפילו קיין איין מענטש נישט באַגעגנט. די ביידע ריזיקע וואַסערפאלן, וועמעס דונערדיקן טומל און רעש מ׳הערט אויף עטלעכע מייל אַרום און אַרום, זיינען, פאקטיש, איינע פון די גרעסטע וואונדער פון דער נאַטור, וועלכעס מ׳פאַרגעסט קיינמאָל נישט, ווען מ׳האָט עס איין מאָל געזען. דער ניאַגאַראַ, פּונקט ווי דער אָפּפלוס פונעם עריע, וועמעס נאָמען קומט פון דער אָנטאַריאָ־אָזערע, האַלט קורץ פאר זיין אַראָפּפאַל 1.150 מעטער די ברייט און שליידערט־אַראָפּ יעדע מינוט אַ האַלבן מיליאָן קוביק־מעטער וואַסער אויף דעם משופּעדיקן תהום. דורך דער אַזויגערופענער ציגנאינדזל (גאָט איילאַנד), אַ שמאָלער פעלדזיקער פּאַס באָדן, ווערט דער פאַל פונאנדערגעטיילט אין צוויי העלפטן, פון וועלכע איינע איז 54 מעטער, די אַנדערע 52 מעטער הויך. דעם שטאַרקסטן איינדרוק מאַכט דער אַזויגערופענער פּאָדקאָווע־פאַל אויף דער קאַנאַדישער זייט, ווו די ריזיקע מאַסן וואַסער פאַלן־אַריין אינעם מעכטיקן פעלדזיקן קעסל, איבער וועלכן ס׳הענגט תמיד אַ לייכטער נעפּל, אַזוי אַז דער אָפּגרונט קאָן געזען ווערן פונעם אויג בלויז דורך דאַמפּיקע קאָנטורן. דער דינינקער וואַסערשטויב, וועלכער הייבט זיך אויף פון די פאַלן, איז גורם, אַז אין די זוניקע טעג זאָל מען איבערן אָפּגרונט שטענדיק זען אַ רעגנבויגן, בעת די אַראָפּפאַלנדיקע וואַסערפאַלן בלישטשען און שטראַלן אין כסדר זיך בייטנדיקע כישופדיקע קאָלירן. ווען מ׳שטייט אויפן אויבערשטן ראַנד פון דער ציגנאינדזל, פון וואַנען מ׳קאָן צום בעסטן זען ביידע זייטן פונעם וואַסערפאַל, פילט מען זיך ווי אַ קליין ווערעמל לגבי דער געוואַלטיקער פּרימיטיווער קראַפט פון דער נאַטור, וואָס נאָר זי אַליין איז אימשטאַנד צו באַווייזן אַזעלכע וואונדער.

אויף דער אַמעריקאַנישער זייט האָט מען אויפגעריסן אַ מינע דורך איינעם פון די מעכטיקסטע פעלדזן, און אַ ווינדע פירט־אַראָפּ אין דער טיפעניש. פון דאָרט קומט מען אָן מיט אַ שמאָלער גליטשיקער שטעזשקע אוממיטלבאַר צום אָרט הינטערן וואַסערפאַל. אויף דער קאַנאַדישער זייט איז אַזאַ איינריכטונג געמאַכט געוואָרן ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן. דער איינדרוק, וועלכן מ׳באַקומט, ווען מ׳שטייט הינטער אָט־דעם מעכטיקן, זיך איבערפלייצנדיקן וואַסערשטראָם, איז ממש אַ פאַרכאַפּנדיקער. דער דונערנדיקער גערויש פונעם וואַסערפאַל פאַרטויבט יעדן אַנדערן

קלאַנג און צעטומלט די חושים. מ׳פילט זיך ווי אַריינגעשלעפּט אין אַ ווילד־ברויזנדן גיהנום און מ׳קוקט ווי באַטויבט אויפן ווילדן גאַס, וועלכער ווערט צעפּלאַצט ביים אָנשטויס מיט די פעלדזן און פאַרוואַנדלט זיך אין אַט־דעם זידנדיקן מכשפים־קעסל אין ווייסן שוים. ס׳איז אַ ספּעקטאַקל פון אומדערהערטער קרעפּטיקייט און מאַ־יעסטעטישער גרויסקייט, וועלכעס קאָן מיסתמא פון גאָרנישט איבערגעשטייגט ווערן.

ווען ס׳איז צוגעפאַלן דער אָוונט און מיר זיינען אָנגעקומען אין אונדזער אכסניה, האָב איך זיך געפילט ווי דערשלאָגן פון די איינדרוקן פונעם טאָג. פונדעסטוועגן האָט זיך דער שלאָף אָפּגעטאָן פון מיינע אויגן. איך בין נאָך שעהנלאַנג געזעסן ביים פענצטער פון מיין קליינעם צימערל און געקוקט פאַרחלומט אין דער נאַכט אַריין, דורך וועלכער ס׳האָט אָפּגעהילכט דער זשום פונעם וואַסערפאַל. אַלטע זיכרונות פון לאַנגפאַרגאַנגענע צייטן האָבן געצויגן זייערע שטומע קרייזן. איך האָב געטראַכט וועגן די קופּערקאָליריקע מענטשן, וועלכע האָבן אַמאָל דאָ געלעבט אין די געדיכטע וועלדער און וועגן וועלכע איך האָב אין מיין יוגנט אַזויפיל געלייענט. די זשומענ־דיקע וועלדער פונעם געוועזענעם דזשונגל זיינען שוין פון לאַנג אויסגעהאַקט, די רויטע מענטשן — שוין לאַנג פאַרשוווּנדן, אָבער דער ניאַגאַראַ שליידערט נאָך אַלץ זיינע ברויזנדע שטראָמען אַראָפּ אויף די משופּעדיקע פעלדזן, ווי מיט אַ סך טויזנטער יאָרן צוריק.

צומאָרגנס גאַנץ פרי זיינען מיר שוין געשטאַנען אויף די פיס. דער טאָג איז געווען טריב און פאַרוואָלקנט — ערב־רעגן, אָבער פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך אַרומגעשלעפּט עטלעכע שעה צייט לענגאויס דעם ברעג פונעם ניאַגאַראַ און איך האָב זיך נישט געקענט אָנזעטיקן מיטן באַטראַכטן דאָס רייסנדיקע ווירבלוואַסער און דעם שטראָמיקן לויף פונעם טייך, וועלכער האָט געטריבן דעם ברויזנדיקן מבול־שטראָם צום וואַסערפאַל. ס׳איז דעמאָלסט פּונקט געווען מיין געבוירנטאָג, — פער־ציק יאָר בין איך שוין דעמאָלט אַלט געוואָרן. בעסער האָב איך דעם טאָג נישט געקאָנט פאַרברענגען. איך האָב דעם וואַסערפאַל פון ניאַגאַראַ שפּעטער געזען נאָכ־אַמאָל, אָבער דער ערשטער איינדרוק, וועלכן איך האָב באַקומען, ווען מיר האָבן דעמאָלסט גאַנץ אַליין דורכגעוואַנדערט דעם גאַנצן אַרום פון די וואַסער־פאַלן, איז מיר שטענדיק געבליבן אומפאַרגעסלעך.

נאָכן מיטיק־מאָלצייט איז געקומען דער מאָמענט צו געזעגענען זיך. מיין פרייגט איז צוריקגעפאָרן קיין טאָראָנטאָ און איך האָב גענומען די באַן צום שכנישן בופאַלאָ, וווהין איך בין אָנגעקומען באַלד נאָכמיטיק. אַזוי ווי די באַן איז אָפּגעגאַנגען פון דאָרט קיין טאָוואַנדאַ ערשט אכט אזייגער אָוונט, האָב איך געהאַט כימעט גאַנצע זעקס שעה צייט, כדי זיך אביסל ארומצוקוקן אין שטאָט.

בופאַלאָ איז געווען די ערשטע גרויסע שטאָט אין די פאַרייניקטע שטאַטן, וועלכע ס׳איז מיר אויסגעקומען צו זען. אָבער דער איינדרוק איז דעמאָלסט נישט געווען קיין שטאַרק געהויבענער, ביפרט אין די אָרעמערע געגנטן, וועלכע האָבן מיך שטאַרק דערמאָנט אינעם פראַנצויזישן פערטל פון מאָנטרעאַל. די גאַסן זיינען געווען שמוציק און פאַרוואָרלאָזט, די פראָנטן פון די הייזער — וויסט און מאָנאָטאָן

איינפאָרמיק. מ׳קאָן נאַטירלעך נישט באַטראַכטן גרינגטלעך אַ גרויסע שטאָט אין בלויז עטלעכע שעה, אָבער דאָס, וואָס איך האָב דעמאָלט באַוויזן צו זען, איז נישט געווען בלויז אָן חן און אָן רייץ, נייערט טאַקע אָפּשטויסנדיק מיאוס. אומ־ווילנדיק זיינען מיר געקומען אויפן געדאַנק יאָהאַן מאָסטס ווערטער. ער האָט טאַקע אַליין געוווינט אַ געוויסע צייט אין דערדאָזיקער שטאָט און ער האָט זי איינמאָל כאַראַקטעריזירט אין דער „פרייהייט" אויף זיין הארבן אופן ווי דעם „אַחור פון דער וועלט". בופאַלאָ האָט זיך זינט דעמאָלסט שטאַרק געענדערט, אָבער דעמאָלסט האָב איך געמיינט, אַז מאָסטס מיינונג איז געווען גאַנץ נאָענט פון אמת. איך בין געווען שטאַרק צופרידן, ווען איך בין שוין ווידער געזעסן אין צוג און געקאָנט פאַרגעסן אין בופאַלאָ.

אַזוי ווי ס׳איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען דער צוג איז אָפּגעפאָרן, האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט זען די לאַנדשאַפט, דורך וועלכער מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן. איך דערמאָן זיך בלויז זייער דייטלעך אין איין פּרט, — יענער טייל פונעם לאַנד איז דעמאָלסט אויסגעשטאַנען אַ גרויסע פאַרפלייצונג. לאַנקעס און פעלדער זיינען ווייט און ברייט אַרום געלעגן אונטערן וואַסער, וועלכעס איז אפילו נישט געווען טיף, אָבער פונדעסטוועגן זיינען די שינעס פון די רעלצן געווען באַ־דעקט מיט וואַסער און ביינאַכט האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז מ׳פאָרט נישט און קיין באַן, נאָר אויף אַ שיף, וועלכע גליטשט זיך איבער טונקעלע אומבאַקאַנטע גרויסע וואַסער־שטחים. ערשט ווען מיר זיינען צוגעקומען נענטער צו די בערג, איז אָט־דער איינדרוק אַוועקגעקומען.

צוויי אַזייגער פאַרטאָג בין איך אָנגעקומען קיין טאָוואַנדאַ. די נאַכט איז געווען שטאָק־פינצטער. די קליינע צאָל לעמפּלעך אויפן קליינעם באַנהויף זיינען נישט געווען אימשטאַנד דורכצודרינגען דעם חושך־מצרים. איך האָב געמאַכט אַ פּרווו אַרויסצוגיין פון דער באַנסטאַנציע. און מיטאַמאָל האָב איך געזען דעם שטראַל פון אַ ליכט, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון חשכות און איז צוגעקומען אַלעמאָל נענטער צו מיר. דערנאָך האָבן זיך פון דער פינצטערניש אַרויסגעשיילט צוויי געשטאַלטן, וועלכע האָבן זיך מיט אַ פרייד אַרומגעכאַפּט מיט מיר. דאָס זיינען געווען מיינע קרובים פאַני און מאָריס, וועלכע האָבן שוין לאַנג געוואַרט אויף מיר. באַלד זיינען מיר אַלע דריי געזעסן אינעם קליינעם וועגעלע, מיט וועלכן מאָריס האָט אונדז געפירט איבער די טונקעלע גאַסן, ביז מיר זיינען אָנגעקומען צו דער באַשיידענער הייזקע, וועלכע האָט זיך געפונען אויף אַ בערגל באַלד ביים ראַנד פונעם שטעטל. דאָרט זיינען מיר אינעם היימיש־וואַרעמען שטיבל געזעסן ביז באַגינען. האָבן מיר זיך דאָך שוין אַזוי לאַנג נישט געהאַט געזען און אַזויפיל געהאַט זיך צו דערציילן, אַז די שעהן זיינען פאַרביי גאַנץ אומבאַמערקט.

ס׳איז שוין געווען זייער שפּעט, ווען איך האָב זיך צומאָרגנס אויסגעריבן די אויגן און געכאַפּט אַ קוק אויפן זייגער. די טיר איז געווען אינגאַנצן צעעפנט און דריי פּאָר נייגעריקע קינדישע אויגן האָבן מיט דערוואַרטונג נאָכגעקוקט יעדן ריר, וואָס איך האָב געמאַכט. ווען זיי זיינען שוין געווען זיכער, אַז איך שלאָף שוין נישט,

האָבן זיי זיך מיט א פריילעכן געשריי אַריינגעריסן אין צימער און מיך באגריסט מיט א ליאַרעמדיקער גדולה.

הערלעכע טעג זיינען דאָס געווען, וועלכע איך האָב פארבראַכט אין יענעם פריינטלעכן שטעטל אינעם קרייז פון מיינע ליבע אייגענע. דאָס וועטער איז געווען שיין און איך האָב געהאַט געגוג געלעגנהייטן צו באטראַכטן און צו באקוקן די פּרעכטיקע לאַנדשאַפט, וועלכע געהערט צו דער שענסטער געגנט פון פּענסילוואַניע. טאָואַנדאַ ליגט אויף אַ וווּנדערשיינעם פּלאַץ, — ביים רעכטן ברעג טייך סוסקע־האַננאַ און איז פון אַלע זייטן ארומגענומען מיט בערג. איך בין שוין געווען באקאַנט מיט אָט־דער געגנט פון לעדערשטערומפּפס דערציילונגען, וועלכע איך האָב נאָך געלייענט אין מיין יוגנט, און זי האָט דעריבער געהאַט פאר מיר א ספּעציעלן רייץ. דאָס שטעטל גופא מיט זיינע שטילע, ריינע און פון ביימער באַשאָטנטע גאַסן מאַכט א גאַר אָנגענעמען איינדרוק און איז געבויט אזוי ווי א גאָרטנשטאָט. די באפעלקע־רונג איז דעמאָלסט באשטאַנען פון קוים 5.000 נפשות און זי האָט זיך זינט דעמאָלסט נישט פארמערט. קיין אינדוסטריע איז דאָרט נישט פאראַן און די קליינע בעלי־מלאכות און סוחרים ציען זייער חיונה אויסשליסלעך פון די ארומיקע פארמער. פאַר דער יונגער גענעראַציע, וועלכע ווערט דאָרט געבוירן, איז דעריבער על־פּי־רוב דאָרט נישטאָ קיין פּלאַץ, אזוי אז די יונגע מענטשן זיינען שפּעטער כּמעט אלע געצוווּנגען אוועקצופאָרן און זוכן זייער פּרנסה אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיע אָדער אַנדערע גרעסערע שטעט פונעם לאַנד. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך אָפט באזוכט טאָואַנדאַ און טאַקע דאָרט איז עס געווען, ווו איך האָב מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער געמאַכט די ערשטע פארצייכענונגען פון אָט־די זיכרונות. דעמאָלסט האָב איך דאָרט נישט געקאָנט פארבלייבן לענגער ווי א וואָך צייט, וועלכע איז פאַר אונדז אַלעמען אַריבער צו גיך. איך האָב דאָך געמוזט צוריקפאָרן קיין קאַנאַדע, ווו איך האָב נאָך גערדאַרפט דורכמאַכן די לאַנגע רייזע צום ווייטן מערב.

פון טאָואַנדאַ בין איך קודם־כּל אָפּגעפאָרן קיין לאָנדאָן, אָנטאַריאָ. דאָס שטעטל ליגט ביי א קליינעם טייכל, וועלכעס מ'רופט אָן מיט גדלות טעמזע. איך האָב דאָרט געגעבן צוויי רעפעראַטן, וועלכע זיינען באזוכט געוואָרן פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, ווי דאָס פּירט זיך אין די קליינע שטעטלעך, ווו דאָס אָנקומען פון א פרעמדן רעדנער ווערט באטראַכט ווי א גרויסע געשעעניש. אַזוי ווי מיר האָבן אין יענעם לאָנדאָן נישט געהאַט קיין גרופּע, האָט דאָרט דער חבר האָרנשטיין איבערגע־נומען דעם עינין אין זיין האַנט און דער דערפאָלג האָט געוויזן, אז ער איז געווען פּאַסיק פאַר זיין שליחות. האָרנשטיין איז געווען דער פּאָפּולערסטער מענטש אין לאָנדאָן. אלע האָבן אים געקענט און הגם ער איז אַלעמען געווען באקאַנט ווי אַן אנארכיסט, מחמת ער האָט זיך קיינמאָל נישט אויסבאַהאַלטן מיט זיינע געדאַנקען, האָט ער, פונדעסטוועגן, געהאַט ביי אַלעמען אַ גוטן שם, ווייל זיין אָפענער און אויפ־ריכטיקער כאַראַקטער האָט אים געמאַכט פאַר אלעמענס פריינט. פאַקטיש איז האָרנ־שטיין געווען איינער פון די אייגנאַרטיקסטע געשטאַלטן, מיט וועלכע איך האָב זיך באקאַנט צווישן די יידישע אנארכיסטן אין אמעריקע. גם ער האָט שוין פון זינט

אַ סך יאָרן געוווינט אין קאַנאַדע, האָט ער קיינמאָל נישט געקאָנט ווערן היימיש מיט דער ענגלישער שפּראַך. דערפאַר איז ער אָבער געווען נאָך בעסער ביי זיך אין דער היים, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער יידישער ליטעראַטור און זיין גרויס־פאַרנעמיקע ביבליאָטעק האָט אַנטהאַלטן די בעסטע ווערק, וועלכע זיינען אין אָט־דער שפּראַך אַרויסגעגעבן געוואָרן. ער האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ, אַ סך שכל־הישר און אַ געזונטן הומאָר און איז געווען אַ געבוירענער פילאָזאָף אזוי צו זאָגן. וואָס ער האָט נאָר אַרויסגעזאָגט, איז תמיד געווען גוט איבערגעטראַכט און געהאַט אַ גע־זונטע, אָפּפרישנדיקע לאָגיק, וועלכע האָט נאָך פון פריער געצויגן אויף אים מיין אויפמערקזאַמקייט, מחמת שוין זינט יאָרן ווי מיר זיינען געשטאַנען אין כסדרדיקער פאַרבינדונג. וואָס אים האָט געפעלט אין ביכער־חכמה, האָט אים געגעבן זיין קלאָ־רער פאַרשטאַנד און די נאַטירלעכע פעיקייט צו דערגיין אין זיינע טראַכטענישן ביז צום סוף. ווייל ער האָט זיך נישט צופרידנגעשטעלט פריער, ביז ער האָט נישט אַרומגעטראַכט אַלע סיבות און קעגן־סיבות פון אַ פראַגע פון אַלע זייטן. אין זיין געזעלשאַפט זיינען מיר די עטלעכע טעג, וואָס איך האָב דאָרט פאַרבראַכט, אַריבער צו גיך און אין דער בעסטער שטימונג.

דעם 7טן אפּריל בין איך צוריקגעפאָרן קיין טאָראָנטאָ, ווו איך האָב נאַטירלעך נישט געטאָרט פעלן ביים גרויסן געזעגן־יום־טוב. צומאַרגנס האָב איך זיך אַרויס־געלאָזט אויף דער לאַנגער רייזע קיין וויניפּעג, וועלכע האָט דעמאָלסט געדויערט כימעט צוויי פולע טעג. ס'איז שוין כימעט געווען פרילינג און מ'האָט שוין געקאָנט מיט אַ געוויסער זיכערקייט רעכענען, אַז מ'וועט אין אַ גוטער שעה, אין צייט, אָנקומען צום ציל. אין סאַמע ווינטער פאַלן גאַנץ אָפט דורך אַלע אויסרעכענונגען, ווייל אַ שטאַרקע שניי־זאַווערוכע שטעלט־אָפּ נישט זעלטן דעם גאַנצן פאַרקער אויף אַ סך טעג. די חברים אין טאָראָנטאָ האָבן געהאַלטן, אַז מיין גראָבער ווינטערמאַנטל איז לגמרי נישט צו שווער פאַר וויניפּעג, מחמת דער ווינטער איז דאָרטן אַ שטרענ־גער שרדה, וועלכער לאָזט נישט טרייבן קיין קאַטאָוועס מיט זיך. מיין טענה, אַז דער פרילינג איז דאָך שוין אָנגעקומען, האָט דעסטער צונישטגעמאַכט מיט די ווערטער: „אין טאָראָנטאָ יאָ, אָבער נישט אין וויניפּעג. דאָרט דויערט דער ווינטער געוויינלעך גאַנצע ניין חדשים; נאָכדעם קומען זעקס אָדער זיבן קאַלטע וואָכן און אין רעשט צייט פון יאָר טרייבן די קאָמאַרעס (מאָסקיטן) אַרויס ביי די מענטשן די קעלט פון די ביינער, ביז זיי קאָנען אינגיכן פונדאַסניי געפרוירן ווערן".

דאָס איז יעדנפאַלס געווען אַביסל איבערגעטריבן, אָבער אַז מ'קאָן וויניפּעג נישט פאַרגלייכן מיט טאָראָנטאָ, וועגן דעם האָב איך זיך ביי שפּעטערדיקע געלעגנ־הייטן געקאָנט גרינטלעך איבערצייגן. דעמאָלסט אָבער האָב איך זיך נישט געלאָזט צירעדן מיטצונעמען אַ שווערן ווינטערמאַנטל און איך האָב גוט געטאָן, ווייל פונקט דעמאָלסט איז דאָרט דער פרילינג געקומען מיט אַ גאַנצן חודש פריער, הגם ס'איז דערנאָך ווידער געקומען אַ קורצער צוריקקער צום ווינטער. אָבער די מורא פון די טאָראָנטער חברים, אַז איך וועל אין וויניפּעג אפשר קאָנען געפרוירן ווערן, איז פונדעסטוועגן נישט געווען באַגרינדעט.

# וויניפעג און שיקאַגאָ

די רייזע קיין וויניפעג איז אַ זייער לאַנגע, אָבער נישט קיין שווערע, ווייל זי באַט־אָן דעם אויג אַזעלכע בילדער, וועלכע מ׳קען אין אייראָפּע נישט זען. צווישן טאָראָנטאָ און וויניפעג איז נישט פאַראַן קיין איין גרעסערע שטאָט און נאָך אַ רייזע פון אַכט ביז צען שעה ווערן אויך די קלענערע שטעט אלץ זעלטענער. דאָס, וואָס וואַרפט זיך באַזונדערס אין די אויגן דעם אייראָפּעער, וועלכער מאַכט אַזאַ רייזע צום ערשטן מאָל, איז די פוסטנדיקע און וויסטנדיקע ליידיקייט און אומבאַפעלקערטקייט פון אָט־דעם אומגעהייער גרויסן לאַנד. מ׳פאָרט גאַנץ אָפט שעהן און שעהן גאַנצע און מ׳טרעפט זיך בלויז דאָ און דאָרט אָן אויף אַ ישוב פון מענטשן, וועלכע יאָגן זיך נאָך חיות מיט טייערע פעלן אָדער ביבערס, און פון אינדיאַנער, וועלכע זעען־אויס ווי לגמרי פאַרלוירענע אין אָט־דעם ריזיקן מידבר פון שניי. ס׳איז צו שטוי־נען, צו וואָס פאַראַ מינים סביבות און אומשטענדן מענטשן קאָנען זיך אלץ צו־געוויינען. אויף ריזיקע מרחקים זעט מען אָפט נישט מער ווי טויזנטער ביימער אומגעוואלגערטע אין ווילדן ווירוואַר אויף דער ערד, וועלכע א שטורעם האָט אויס־געריסן מיט די וואָרצלען און זיי געמאַכט אומניצלעך, ווייל דאָס קומען זיי צו־נויפנעמען און אוועקפירן דעקט נישט די קאָסטן פונעם טראַנספּאָרט.

איך האָב זיך שטענדיק געחידושט, פאַרוואָס די רעגירונג מאַכט דורך אירע איינוואַנדערונגס־געזעצן אַזוי אומזיניק שווער די באַזעצונג און באַפעלקערונג פו־נעם לאַנד, מחמת א גרעסערע איינוואַנדערונג מוז דאָך אויספאַלן לטובת דעם לאַנד. גאַנץ קאַנאַדע, וועלכע איז גרעסער פון די פאַרייניקטע שטאַטן, אַריינגע־רעכנט נאָטירלעך די כימעט אומבאַוווינטע געגנטן פונעם צפון, האָט דעמאָלט מיס־תמא געהאַט קוים פינף מיליאָן נפשות. אַפילו היינט האָט דאָס לאַנד אָן איינוווי־נערשאַפט פון קוים צען מיליאָן נפשות, הגם עס האָט אומדערשעפּלעכע נאַטירלעכע עשירות און ריזיקע נאָך אומבאַרירטע אוצרות אין דער ערד, וועלכע וואַרטן נאָר אויף די מענטשן, ביכדי זיי צו שטעלן אין רשות פון דער וועלט. אָבער די דרכים און אויפפיר פונעם שטאַט זיינען פונקט אַזוי אומפאַרשטענדלעך ווי די דרכים פון גאָט. אין אַזאַ צייט ווי די היינטיקע, ווען מיליאָנען מענטשן אין אייראָפּע ווערן געטריבן ווי די סטאַדעס בהמות פון איין לאַנד אין אנדערן און קאָנען נישט גע־פינען קיין אָרט, ווו אָנצושפּאַרן דעם קאָפּ, פרעגט מען זיך אומזיסט, פאַרוואָס די

מערבדיקע וועלט האָט אַזוי פעסט פאַרהאַקט אירע טויערן און לגמרי נישט געגומען אין אַכט אפילו די מינדסטע כללים פון מענטשלעכקייט.

אַ לאַנגע רייזע דורך קאַנאַדע אין די ווינטער־חדשים איז אין אַלגעמיין נישט אַזוי מחיהדיק, ווייל די ווייסע אינסופיקע מידבר מיטן שניי־גרויען הימל, וועלכע ברייטערט זיך אויס אויפן גאַנצן שטח, ווירקט מעלאַנכאָליש און שאַפט אַ שווערע שטימונג און געמיט. מ׳ווערט דערשטוינט צוליב דעם אומאָפּשאַצבאַרן פאַרנעם פון אָט־דער פרימיטיווער וועלט, אָבער דער איינדרוק איז אַ טעמפּער און האָפענונגס־לאָזער. מ׳זעט בלויז אומבאַגרענעצטע מרחקים און גאָרנישט מער ווי אייז און שניי. פונדעסטוועגן זיינען אויך פאַראַן אייניקע ליכטיקע פונקטן אין אָט־דער גרויסער מאָנאָטאָנקייט. צו דעם געהערט די רייזע ספּעציעלביים ברעג פונעם מעכטיקן לייק סופּעריאָר, דער גרעסטער פון די פינף גרויסע אָזערעס צווישן קאַנאַדע און די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכער פאַלט אַריין אינעם טייך סענט לאָרענץ און מיט אים צוזאַמען אין ים אַריין. איך דערמאָן זיך באַזונדערס אין אַ קליינער גרופּע בערג אין יענער געגנט, וועלכע איז געווען אַרומגענומען מיט אַ צאַרטער שמעקעדיקער בלויקייט און געווירקט אַזוי ווי פאַרכישופנדיק. אָבער אַ סך אַזעלכע בילדער זיי־נען נישט געווען.

דעם 10טן אַפּריל נאָכמיטיק בין איך מיט מזל אָנגעקומען קיין וויניפּעג, ווו ס׳האָט געוואַרט אויף מיר אַ גרויסע מחנה חברים, צווישן זיי אויך מיין אַלטער פּרייַנט מאַטלען, מיט וועמען איך האָב זיך נאָך געקענט פון ליווערפּול. ס׳איז געווען אַ וווּנדערבאַרער זוניקער טאָג און כ׳האָב זיך געפילט גוט, וואָס איך האָב ווידער געהאַט די געלעגנהייט צו קאָנען באַוועגן מיינע פיס. דאָס וועטער איז טאַקע נישט געווען וואַרעם און די גאַסן זיינען נאָך טיילווייז געווען באַדעקט מיט שניי, אָבער די סיבירישע קעלט, וועלכע מ׳האָט מיר פאַרויסגעזאָגט, האָב איך פונדעסטוועגן נישט געפונען. אַפילו מיין „דינער ווינטערמאַנטל“ איז מיר שוין געוואָרן אביסל לעסטיק. איך בין איינגעשטאַנען אינעם הויז פון חבר פּראַסאָוו, וועמען דער טויט האָט אַזוי פרי אַרויסגעריסן פון צווישן אונדז. מיט זיין פרוי האָב איך זיך נאָך געקאָנט פון לאָנדאָן, ווו זי האָט, אַ יונג מיידל נאָך דעמאָלסט, אַקטוואירט אין דער באַוועגונג, אַזוי אַז איך האָב זיך באַלד געפילט ווי אין דער היים.

וויניפּעג איז די גרעסטע שטאָט פונעם קאַנאַדישן מערב און זי האָט שוין דע־מאָלסט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון איבער 100 טויזנט נפשות, וועלכע זיינען באַ־שטאַנען פון אָפּשטאַמיקע פון אַלערליי פעלקער און לענדער: רוסן, פּאָליאַקן, רוטענער, דייטשן, יידן, פראַנצויזן און מיסתמא נאָך אַ האַלב טוץ פעלקערשאַפטן. פון אַזאַ מין פעלקער־געמיש ווערן שפּעטער געבוירן נאַציעס, וועלכע רעדן זיך ביסלעכווייז איין, אַז זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ באַזונדערע גאַטונג פון דער מענטשהייט. ס׳איז אין אייראָפּע אויך נישט געווען אַנדערש, הגם מ׳האָט דאָרט שוין לאַנג פאַרגעסן יעדן אָפּשטאַם אָדער מ׳גיט זיך ספּעציעל די מי אים צו פאַרגעסן. אָבער דאָ אין אַמעריקע קאָן מען נאָך אויספאָרשן דעם שורש פון דער נאַציע ביים סאַמע קוואַל אירן, הגם ס׳איז סיי־ווי נישט קיין שום שטרויכלונג פאַרן פּאַטריאָטיזם און דעם

נאַציאָנאַלן משוגעת. ס׳איז דאָך פאַר יעדן אָרעמען טייוול אזוי אָנגענעם זיך איינ־צורעדן און זיך לאָזן איינרעדן פון אַנדערע, אַז ער באַלאַנגט צום אויבערשטן פון שטייסל און אַז ער איז פון די געטער אויסגעקליבן פאַר א ספּעציעלער מיסיע.

דאָס, וואָס האָט דעמאָלסט וועזנטלעך אונטערגעשיידט וויניפּעג פון מאָנטרעאַל, טאָראָנטאָ און די קלענערע שטעט פון מיזרח־קאַנאַדע, איז געווען דער אומשטאַנד, וואָס דאָ האָט נאָך געלעבט עפּעס פונעם אַלטן גייסט פון דער גרענעץ־באַפעלקערונג, וועלכע האָט מיט הונדערט אָדער הונדערט פופציק יאָר צוריק אַרויפגעלייגט איר ספּעציעלן חותם אויף יעדער פאַרויסגערוקטער פּאָזיציע פון דער וויסער ציוויליזאַציע אין אַמעריקע. אַפילו דער אויסערלעכער אויסזען פון דער שטאָט האָט נאָך געהאט א סך פון יענעם פּראָוויזאָרישן כאַראַקטער, וועלכער איז געווען אזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַלטע ישובים. מיטן אויסנאַם פון אייניקע קירכן און עפנטלעכע געביידעס אין צענטער פון דער שטאָט, וועלכע זיינען געבויט פון שטיין, זיינען אַלע אַנדערע בנינים געווען פון האָלץ און אין די פאָרשטעט — אפילו גאַנצע הייזער־בלאָקן, וועלכע האָבן דערמאָנט אין פאַרגאַנגענע צייטן. דער רוב גאַסן איז נאָך אפילו נישט געווען געפלאַסטערט, נייערט אויסגעלייגט מיט רויע הילצערנע שטאַנגען, דורכגעזעגטע אויף דער העלפט אין דער לענג און די בלויזן צווישן איין בוים און דעם אנדערן זיינען געווען אויסגעפילט אויף א גאַנץ פרימיטיוון אופן. אויפן אויג פון אַן אייראָפּעער האָט דאָס אַלעס געמאַכט אַן אויסטערלישן איינדרוק. די „טראָטואַרן" אויףביידע זייטן פון די גאַסן זיינען באַשטאַנען פון אויף גיך און פראָסט צוזאַמענגעקלאַפּטע גראָבע שייטלעך האָלץ, אויף וועלכע מ׳האָט געמוזט גיין פאַמעלעך און פאָרזיכטיק, כדי נישט צו ברעכן רוק און לענד. פאַר אַ גרויסער שטאָט פון הונדערט טויזנט איינוווינער איז אַזאַ אויסזען פון די גאַסן גאַנץ אויסטערליש. וואָס מיר איז גאָר באַזונדערס אויפגעפאַלן, איז געווען א סך געשעפטן, אין וועמעס שויפענצטער ס׳איז געווען אויסגעשטעלט פון אַלץ אין דער וועלט, וואָס מ׳קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. געווען דאָרט אלט־צעבראָכענע מעבל, קליינע פעסער אָנגעפילט מיט פאַרזשאַווערטע און צעבראָכענע טשוועקעס. אָפּגענוצטע אייזערנע טיילן פון מאשינען, אלטע בלעכענע טעפּ און אַן אַ שיער ענלעכע אויסטערלישע חפצים, פאַר וועלכע מ׳וואָלט אין אַ מיזרחדיקער שטאָט מיסתמא נישט געקאָנט געפינען קיין בעלן. אָבער מיינע פריינט האָבן מיר אָנגעוויזן, אַז דאָ ווערט מיט אָט־דעם אומנוצלעכן אלטוואַרג געפירט א גרויסער מיסחר, ווייל אַזוי ווי די אָרעמע פאַרמער פון דער געגנט ליידן פון אַ שטענדיקן דוחק אין געלט, זיינען זיי שטענדיק אָנגעוויזן זיך צו באנוצן מיט אַלץ, וועלכעס האָט פאַר רייכערע מענטשן נישט קיין שום ווערט.

פּאַרטיקע סחורות, וועלכע ווערן אַריינגעפירט פון ערגעץ אַנדערש, זיינען געווען גאַנץ טייער צוליב די הויכע קאָסטן פונעם טראַנספּאָרט, און די אָרעמע פויערן, וועלכע זיינען על־פי־רוב געווען איינגעוואַנדערטע פון די סלאַווישע לענדער, האָבן זיי נישט געקאָנט קויפן. דערפאַר זיינען די לעבנסמיטלען און באַזונדערס פלייש געווען שפּאָט וואָלוול. פאַר פינף צענט האָט מען דעמאָלסט אין וויניפּעג געקאָנט

קויפן א פונט פונעם בעסטן פלייש. די פּיאָוקעס פאַר די פאַרמער זייבען דעמאָלסט געווען די שפּעקולאַנטן פונעם מיזרח, וועלכע פלעגן אָפּטמאָל אָפּקויפן די גאַנצע גערעטעניש פאַר א שפּאָט־ביליקן פּרייז נאָך אײדער ס׳איז געווען צו זען אַ זאַנג אויפן פעלד. די פאַרמער האָבן געדאַרפט האָבן געלט און זיי זייבען גאַנץ אָפט געווען געצווונגען צו פארקויפן די פּראָדוקטן פון זייער אַרבעט פאַר יעדן פּרייז, וואָס מען האָט זיי נאָר אָנגעבאָטן.

דערדאָזיקער צושטאַנד האָט זיך פון דעמאָלט אָן שטאַרק געענדערט. ווען איך בין מיט צוועלף יאָר שפּעטער געקומען קיין וויניפּעג, האָט זיך שוין די שטאָט געהאט געוואלטיק אנטוויקלט און די איינוווינערשאפט האָט זיך שוין געהאט פאַר־מערט ביז כימעט צוויי מאָל אַזוי פיל. דער רוב גאַסן איז שוין געווען געפלאַסטערט און אויך די צאָל פון די שטיינערנע הייזער האָט זיך געהאט באדייטנדיק פאַרמערט. אויך די פאַרמער האָבן זיך פון דעמאָלסט אָן עפּעס אויסגעלערנט און זיי האָבן דורך דער שאַפונג פון קאָאָפּעראטיווע אָרגאַניזאציעס צו פארקויפן די פּראָדוקטן זייערע זיך באפרייט פון די שפּעקולאנטן.

די חברים אין מאָנטרעאל און אין טאָראָנטאָ האָבן געהאט פארזיכערט, אז צו מיינע רעפעראַטן אין וויניפּעג וועט קומען א גרויסער עולם. אָבער דער דערפאָלג איז געווען גרעסער ווי מיינע געוואגטסטע דערוואַרטונגען. אונדזער דאָרטיקע גרופּע האָט טאַקע געהאט גענוג צייט גרינטלעך צוצוגרייטן מיינע רעפעראַטן, און זי האָט די צייט גוט אויסגענוצט. צו דעם איז נאָך צוגעקומען, אז דאָס יידישע וואָכנבלאט, וועלכעס איז געדרוקט געוואָרן פון אונדזער חבר סימקין און איז געווען רעדאַק־טירט פונעם אינטעליגענטן שרייבער גאָלדשטיין, וועלכער איז געווען שטאַרק סימ־פּאַטיש צו אונדזערע אידעען, האָט נאָך מיט וואָכן צוריק פאַר מיין אָנקום דער־ציילט די לייענער די שענסטע זאַכן וועגן מיר. אָבער דאָס אלעס וואָלט נישט געווען גענוג, ווען ס׳וואָלט אין וויניפּעג נישט געהאט געווען אַן אויסערגעוויינלעך אינטע־ליגענטע צוהערערשאַפט, וועלכע איז געהאט שטאַרק באיינפלוסט געוואָרן פון אונדזערע פרייהייטלעכע אידעען.

איך בין פארבליבן כימעט אַ חודש אין דער שטאָט און דאָרט געגעבן צוועלף רעפעראַטן וועגן סאָציאַל־טעאָרעטישע, עקאָנאָמ ש־פּאָליטישע און ליטעראַרישע טע־מעס, וועלכע זיינען אלע גוט באזוכט געוואָרן און געהאט דעם בעסטן מאָראַלישן דערפאָלג, וועלכן א רעדנער קאָן זיך נאָר ווינטשן. אויך די פראַגעס, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרן, און די דיסקוסיעס זיינען געווען אויסערגעוויינלעך אנרעגנדיק און זיי זיינען געווען דאָס בעסטע צייגעניש פאר דער גייסטיקער פאָדערונג פון מיינע צוהערער. נישט געווען דאָרט קיין בריקן־פילאָזאָפן און אויך נישט קיין מענטשן, וועמען ס׳איז בלויז געגאַנגען אין דעם זיך אַליין צו הערן רעדן. דאָס איז אַן אמת גליק סיי פאַרן רעדנער און סיי פאַרן צוהערער. איך האָב וויניפּעג שפּעטער באַזוכט נאָך דריי אָדער פיר מאָל און דאָרט ביי יעדן מאָל געהאַט דיזעלביקע דערפאָרונג. נאָך היינט חידושט עס מיך, הלמאי ס׳האָט זיך דווקא אין יענער פון דער וועלט־אָפּגע־

רוקטער שטאַט פֿון יענעם אומענדלעכן פֿלאַכלאַנד אַנגעקליבן אַזאַ גייסטיק הויכ־שטייענדיקע און ווערטפֿולע גרופּע מענטשן.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך גערעדט אויף אַן 1טן מאַי־מיטינג, ווו ס׳האָבן נאָך חוץ מיר גערעדט ענגלישע, דייטשע, פּוילישע און רוסישע רעדנער. ווען איך בין פֿאַרמיטיק אַוועק צוזאַמען מיט איייניקע פֿריינט אינעם זאַל פֿונעם מיטינג, איז דער הימל געווען אַן וואָלקנס און לויטער. אָבער אין דער צייט, ווען דער מיטינג איז פֿאַרגעקומען, איז מיטאַמאָל אויסגעבראָכן אַ שטורעם און אין עטלעכע מינוט בלויז זיינען די גאַסן געווען באַדעקט מיט שניי ביז צו די קני. די טאָראָנטער חברים זיינען דאָך, הייסט עס, נישט געווען אינגאַנצן אומגערעכט. צום גליק בין איך דאָרט פֿאַר־בליבן בלויז נאָך אייניקע טעג, אַזוי אַז דער אומקער פֿון ווינטער האָט מיר שוין קיין סך נישט געקאָנט שאַטן. ס׳זיינען געווען שיינע וואָכן, וועלכע איך האָב דאָרט פֿאַרבראַכט אין קרייז פֿון אונדזערע ווילע חברים, וועלכע זיינען שוין לאַנג אַוועק אינעם שויס פֿון דער צייט.

איך האָב געמוזט נעמען ערנסט טראַכטן וועגן דעם אומקער אַהיים, מחמת איך בין שוין דריי חדשים געווען אונטערוועגנס און איך האָב פֿרומקינען אין לאָנדאָן נישט געקאָנט לאָזן וואַרטן לענגער, וואָרן ער האָט זיך געדאַרפֿט אומקערן קיין פּאַריז. צוליב דעם האָב איך דעמאָלסט געמוזט אָפּוואַרפֿן די וייטערדיקע פֿאַרבע־טונגען, וועלכע זיינען מיר אָנגעקומען פֿון קאַלדזשערי, עדמאָנטאָן און אַנדערע מקומות. איך האָב איצט געהאַט די ברירה אָדער צוריקפֿאָרן מיטן זעלבן וועג, מיט וועלכן איך בין געקומען, אָדער צו פֿאָרן איבער שיקאַגאָ און דעטראָיט קיין טאָ־ראָנטאָ. האָב איך, בכן, באַשלאָסן צו מאַכן אַ קורצן וויזיט ביי די חברים אין שיקאַגאָ, ביי וועמען מיין באַשלוס איז געווען שטאַרק אָנגעלייגט.

די רייזע קיין שיקאַגאָ האָט דעמאָלסט געדויערט אַרום דרייסיק שעה צייט. אַזוי ווי ס׳איז מיר אויסגעקומען אויפֿצוהאַלטן זיך צוויי שעה אין מינעאַפּאָליס, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צום ערשטן מאָל צו זען דעם מיסיסיפּי, וועגן וועלכן איך האָב אין מיין יוגנט געלייענט אַזויפֿיל. צווישן מינעאַפּאָליס און סענט פּאָול איז דער „פֿאָטער פֿון די טייכן״ נאָך גאַנץ שמאָל און ער האָט דעמאָלסט אויף מיר נישט געמאַכט קיין באַזונדערן איינדרוק. קאָן זיין, אַז דאָס איז געווען דערפֿאַר, ווייל מיינע פֿאָרשטעלונגען פֿון דער יוגנט־צייט זיינען געווען צו גרויסע.

איך בין אָנגעקומען קיין שיקאַגאָ שפּעט אין אָוונט. און אַזוי ווי די חברים האָבן מיך צוליב אַ טעות אָפּגעוואַרט אויף אַן אַנדערער באַנסטאַנציע, האָב איך אַליין געמוזט געפֿינען מיין וועג. ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבע נאַכט, ווען איך בין אָנגעקומען צום ציל. ווי נאָר די יונגע פֿרוי, וועלכע האָט מיר געעפֿנט די טיר, האָט מיך אַריינגעלאָזט, זיינען אויך אָנגעקומען די חברים, וועלכע האָבן אויף מיר אומזיסט געוואַרט אין דער באַנסטאַנציע און זיי זיינען דערפֿאַר געווען נאָך מער איבערגעראַשט און צופֿרידן, ווען זיי האָבן מיך פּלוצים געפֿונען. צווישן זיי האָט זיך, חוץ אייניקע אַלטע באַקאַנטע פֿון ענגלאַנד, אויך געפֿונען דער אַלטער חבר ה.

דזשעקסאָן, אַ האַלבער אינדיאַנער, מיט וועמען איך האָב זיך מיט אַ יאָר צוריק באַקענט אין לאָנדאָן.

איך האָב דעמאָלסט געקאָנט פאַרבלייבן אין שיקאַגאָ בלויז פיר טעג, ווייל איך האָב געמוזט צוריקפאָרן קיין קאַנאַדע, ווו איך האָב נאָך געדאַרפט געבן אייניקע רעפעראַטן. די חברים האָבן דעריבער אַראַנזשירט פאַר מיר בלויז צוויי רעפעראַטן. צומאָרגנס נאָך מיין אָנקום — ס'איז געווען א שיינער זונטיק — זיינען מיר געפאָרן קיין וואַלדהיים, דעם גרויסן דייטשן בית־עולם, ווו ס'ליגן די שיקאַגער מאַרטירער. אָט־דער בית־עולם איז זיכער געווען דער שענסטער פלאַץ, וועלכן כ'האָב דעמאָלסט געזען אין שיקאַגאָ. די לאַנגע גוט־אָפּגעהיטע אַלעען מיט זייערע אַלטע פּראַכטפולע ביימער, וועמעס גוט־צעוואַקסענע צווייגן קומען זיך אויבן צונויף, מאַכן דעם איינדרוק פון גרינע קאָרידאָרן אין אַ קאַטעדראַל. דער גאַנצער בית־הקברות מאַכט גיכער דעם איינדרוק פון אַן אַלטן פאַרגעסענעם פּאַרק; בלויז די אַלטע מצבות דערמאָנען, אַז מ'געפינט זיך אין דער געזעלשאַפט פון מתים. נאָך א קורצער וואַנדערונג אויף אָט־דער שטעלע פונעם טיפסטן פרידן זיינען מיר צוגעקומען צום קבר, ווו יענע מענטשן האָבן געפונען זייער לעצטן רו־פּלאַץ. דער פשוטער, חשובער דענקמאָל, וואָס מ'האָט פאַר זיי אוועקגעשטעלט, איז ערנסט און איינדרוקספול און איז אין איינקלאַנג מיט דער שטימונג, וועלכע נעמט־אַרום ווי נאָר מ'קומט־אַריין אין אָט־דעם שטילן מקום. נישט פאַראַן דאָ קיין גלאַנץ און פּראַכט, גאָרנישט איבעריקס. די ערנסטע פיגור פון דער פרייהייט מיטן לאָרבערקראַנץ אין דער אַראָפּגעלאָזטער האַנט; אונטער דעם מיט גרויסע אותיות די ציפער 1887. אויפן פּעדעסטאַל אויגוסט שפּיזס לעצטע ווערטער: The day will come when our silence will be more powerful than the voices you are throttling to day.

איך האָב זינט מער ווי צוואַנציק יאָר זיך באַטייליקט אין אַלע לענדער אין די מאַניפעסטאַציעס, וועלכע זיינען יאָר־יערלעך דורכגעפירט געוואָרן דעם 11טן נאָוועמבער. און איצט בין איך דאָס ערשטע מאָל געשטאַנען ביים קבר פון יענע מענער, וועלכע זיינען געפאַלן ווי קרבנות פון אַ נידערטרעכטיקן יוסטיצפאַרברעכן. און אַז ס'האָט זיך אין זייער פאַל געהאַנדלט וועגן אַ קאַלטבלוטיק פאַרטראַכטן יוסטיצמאָרד, וועגן דעם האָט נאָך דעם באַקאַנטן מעמאָריאַל פונעם גאָבערנאַטאָר דזשאָן פּ. אַלטגעלד, וועלכער האָט באַפרייט די לעצטע דריי קרבנות פון יענער גרויסער טראַגעדיע נאָך אַ כימעט צוועלפיעריקער געפאַנגענשאַפט, שוין נישט געקאָנט זיין אַפילו דער מינדסטער ספק *) פינף אומשולדיקע מענטשן האָבן געמוזט אוועקגעבן זייער לעבן, אַנדערע דריי זיינען לעבעדיק באַגראָבן געוואָרן אין געפענקעניש דערפאַר, ווייל דער אידיאָטישער מאַכט־משוגעת און דער ברוטאַלער רויבגיריקייט פון אַ קליינעם אויבערשטן שיכט האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זייערע פּריווילעגיעס שטייען אין סכנה. נישט קיין באַגאַנגענער פאַרברעך איז עס געווען, פאַר וועלכן זיי זיינען פאַרמישפּט געוואָרן, נייערט זייער אידעאָלאָגיע ,וועלכע זיי האָבן מיט מענלעכער

*) Reasons for Pardoming Fielden, Neebe and Schwab, Springfield, Ill. 1896

אנטשלאָסנקייט פאַרטיידיקט פאַר זייערע ריכטער. ווען ס׳האָט געשלאָגן זייער שעה האָבן זיי זיך נישט געקווענקלט און געהאַט מוט צו שטאַרבן ווי מענטשן, וועלכע האָבן זיך מוסר־נפש געווען אָן אָפּהאַלט און געטריי געאַרבעט פאַר דער באַפרייונג פון דער מענטשהייט פון דער קלעם פון נויט און גייסטיקער קנעכטשאַפט.

דאָס, וואָס יענע מענטשן זיינען אויפגעבראַכט געוואָרן פאַר אַ קרבן פאַר דער בלינדער קלאַסניוסטיץ פון אַ דעמאָקראַטישן לאַנד, וועמעס אבות האָבן אַמאָל, אין דער באַרימטער אומאָפּהענגיקייטס־דערקלערונג, צוגעזאָגט זייערע בירגער דאָס רעכט אויף פרייהייט און גליק, אָט־דאָס האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט דעם איינדרוק פונעם באַגאַנגענעם פאַרברעכן.

לאַנג בין איך אַזוי געשטאַנען פאַרטיפט אין געדאַנקען נעבן שטילן קבר אויפן אַלטן דייטשן בית־הקברות. דערזעלביקער שיגעון, וועלכער האָט געלאָזט פאַרשניידן פאַר דער צייט דאָס לעבן פון יענע מענטשן, האָט נאָך איצט געצויגן זיינע נעצן. ווען וועלן לסוף מקויים ווערן אויגוסט שפּיזס ווערטער, וועלכע זיינען דאָרט געווען אָנגעשריבן, און ס׳וועט פאַר די גערודפטע און דערנידעריקטע פון אָט־דער ערד אויפגיין אַ נייער מאָרגנשטערן?

אין נאָענטסטער שכנות פונעם מאָנומענט איז געווען אַ פריש קבר, וועלכעס איז דעמאָלסט געווען באַוואַקסן מיט גראָז און ווילדע בלומען. ס׳איז געווען דער לעצטער רו־פּלאַץ פון וואָלטערין דע קלעיר, וועלכע איז געשטאָרבן אין שיקאַגאָ דעם 6טן יוני 1912 אין עלטער פון קוים 46 יאָר. אַן אויסגעצייכנטער קאָפּ, אַן אַלצאַרומנע־מענדיקע נשמה, איינע פון די באַדייטנדיקסטע פרויען, וועלכע אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבן, איז דאָ צו פרי פאַרשניטן געוואָרן פונעם טויט. די שיקאַגער מאַרטי־רער האָבן געשפּילט אַ מערקווירדיקע ראָל אין איר לעבן. ווען ס׳זיינען פאָרגעקומען די טראַגישע פּאַסירונגען אויפן היימאַרקעט פון שיקאַגאָ, אין מאַי 1886, וועלכע האָבן געפירט צום אַרעסט פון די אַנאַרכיסטן, איז וואָלטערין געווען קוים אַ ניינצן־יעריק מיידל. אָנגעשטעקט פונעם אַלגעמיינעם אויפברויז, וועלכער איז דעמאָלסט אין די צייטונגען אונטערגעהעצט געוואָרן ביז משוגעת, האָט זי אין טיפער אויפ־רעגונג געשריען: „מ׳וואָלט זיי געדאַרפט אויפהענגען!“

אָבער נאָך איידער די פּאַרמישפּטע האָבן זיך פּאַרנומען אויפן וועג צו דער תליה, איז ביי וואָלטערינען פאָרגעקומען אַן אויסטערלישע ענדערונג. דער מישפּט קעגן די אָנגעקלאָגטע און די ציניש פאַרגוואַלטיקונג פון אַלע באַגריפן מכוח רעכט און גערעכטיקייט, האָבן זי געבראַכט צו באַזינונג און איר אָנגעוויזן אויף דער שווי־דערלעכער ווירקלעכקייט. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און זי איז שוין געשטאַנען אין דערזעלביקער מחנה פון יענע מענטשן, וועלכע מ׳האָט געשיקט אויף דער תליה און אין געפּענקעניש פאַר אַ טאָט, צו וועלכער מ׳האָט זיי נישט געקאָנט אָנווייזן דעם מינדסטן שייכות און וועמעס פאַרורזאַכער איז קיינמאָל נישט אויסגעפונען געוואָרן. זי האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט מוחל זיין יענעם אויסגעשריי, וועלכן זי האָט געמאַכט, ווען זי איז מיטגעריסן געוואָרן פון דער אַלגעמיינער היסטעריע. ווי שטאַרק זי האָט שפּעטער געליטן פון שטומער חרטה באַווייזן אירע אייגענע ווערטער:

„איך האָב זיך קיינמאָל נישט געקאָנט מוחל זיין אָט־דעם בלינדן, שווידערהאַפטן און בלוטדורשטיקן אויסגעשריי, הגם איך האָב געוווּסט, אַז יענע טויטע און אַלע, וועלכע זיינען ביים לעבן געשטאַנען נאָענט צו זיי, וואָלטן מיר מוחל געווען. אָבער מיין אייגענע שטימע, ווי זי האָט געקלונגען יענע נאַכט, וועט מיר תמיד קלינגען אין מיינע אויערן ווי א ביטערער פאַרוואורף און א חרפּה ביז צום סוף פון מיין לעבן. בלויז איין וואָרט פון רעכטפאַרטיקונג האָב איך פאַר זיך און פאַר די מיליאָנען אַנדערע, וועלכע האָבן געטאָן דאָסזעלביקע וואָס איך, — אומוויסנקייט!“

וואָלטערין האָט שפּעטער געווידמעט די דערמאָרדעטע אייניקע פון אירע שענס־טע לידער, אַזעלכעס ווי „ביים קבר פון וואָלדהיימס“, וועלכעס הויבט זיך אָן מיטן פאַרכאַפּנדיקן סטראָף:

Quite they in their shrounds of rest,
Their lids kissed close, neath the lips of peace;
Over cach pulseles and painless breast
The hands lie folded and softly pressed,
As a dead dove presses a broken nest;
Ah, broken hearts were the price of these.

און איצט איז זי געלעגן נעבן זיי, פאַרייניקט אינעם טויט. ס'איז מיר געוואָרן שווער אויפן געמיט, ווייל איך האָב זיך דערמאָנט אין די נחת־רוחדיקע שעהן, וועלכע איך האָב אַמאָל פאַרבראַכט מיט איר אין לאָנדאָן. שטילערהייט האָב איך אָפּגעריסן אייניקע ווילדע בלומען פונעם פרישן קבר און זיי אַריינגעלייגט אין א בריוו, וועלכן איך האָב צומאָרגנס אָפּגעשיקט צו מילין.

שווייגנדיק האָבן מיר זיך פאַרנומען אויפן וועג אַהיים. בשעת איך בין צוזאַמען מיט די פריינט פאַמעלעך געגאַנגען צום אַרויסגאַנג, האָט מיין אויג באַמערקט אַזוי פיל אַלטע מצבות פון באַקאַנטע דייטשע דעמאָקראַטן און רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פון 1848־49. דאָ, אין וואַלדהיים, האָט אויך געפונען זיין לעצטע רו דער באַקאַנטער סאָציאַליסטישער פילאָזאָף אויגען דיצגען, וועלכער האָט נאָך שפּיז אַרעסט איבערגענומען די רע־דאַקציע פון דער „שיקאַגער אַרבייטערצייטונג“. יענע אַלטע קברים האָבן דערציילט די געשיכטע פון אַן אַנדערער טראַגעדיע, פון וועלכער אַ גאַנץ פאָלק איז געשטראָפט געוואָרן, הגם עס איז קיינמאָל נישט דערגאַנגען צו זיין באַוווּסטזיין. וויפל פון די בעסטע מענער, וועלכע וואָלטן געווען א צירונג און אַ שטאָלץ פאַר יעדן אַנדערן לאַנד, זיינען דורך דער שענדלעכער רעאַקציע פונעם פּרייסישן יונקערטום פאַר־טריבן געוואָרן פון זייער היימלאַנד און זיי האָבן אויף א פרעמדער ערד געמוזט זוכן אַ באַשעפטיקונג, וועלכע זיי האָבן אין דייטשלאַנד נישט געקאָנט געפינען. אָבער אַמעריקע האָט זיי אַ סך, גאָר אַ סך צו פאַרדאַנקען. באַלד נאָך די אַזויגערופענע

באַפרייונגס־מילחמות קעגן נאַפּאָלעאָנען, אין דער צייט פון דער הייליקער אַליאַנץ, האָבן זיך אַ סך דייטשע מענטשן געפילט אנטוישט אין אלע זייערע האָפענונגען און זיי האָבן געזוכט אין אויסלאַנד שוץ קעגן א שמאַלקעפּיקן דעספּאָטיזם, אונטער וועמעס בית־עולם־שטילקייט ס׳האָט נישט געקאָנט אויפגיין קיין שום זריעה. נאָכ־דעם זיינען געקומען די ווילדע פאַרפאָלגונגען פון דער פּרייסישער רעאַקציע, וועלכע האָט דערשטיקט אין בלוט די רעוואָלוציע פון 1848־49 אין אלע דייטשע לענדער און הונדערטער טויזנטער פון די בעסטע כוחות פאַרטריבן פון לאַנד. שפּע־טער זיינען געקומען די יאָרן פונעם סאָציאַליסטן־געזעץ, וועלכעס האָט אויף אַ צייט פון צוועלף יאָר די דייטשע אַרבעטערשאַפט לגמרי באַרויבט פון אַלע אירע רעכטן און פונדאָסניי טויזנטער פון זיי פאַרטריבן פון דער היימישער ערד. מ׳קאָן נאָך דערוויל נישט אָפּשאַצן די צאָל פון די בעסטע און צוזאָגנדיקסטע כוחות, וועלכע זיינען געפאלן קרבנות פונעם טעראָר פון דריטן רייך אָדער געמוזט אנטלויפן אין אויסלאַנד. ס׳קאָן דאָך נישט זיין אַנדערש; ווייל ווען ביי א פאָלק ווערן געמאכט אזויפיל נאָכאנאנדיקע גייסטיקע בלוטאָפּצאַפּונגען, מוז דאָך מיט דער צייט קומען אַ שווערער אָפּשטעל אין זיין גאנצער געזעלשאַפטלעכער אנטוויקלונג.

פאַרן זעלביקן אָוונט האָבן די חברים צוגעגרייט דעם שוין איינגעפירטן באַנקעט, אָבער אַזוי ווי ביז צום באַנקעט האָבן מיר נאָך געהאַט גענוג צייט, האָבן מיר נאָך פאַר דעם פאַרבראַכט אייניקע אַנגענעמע שעה אין דער גאַסטפריינטלעכער וווינונג פונעם חבר ליפשיץ און זיין פרוי אַנאַ, דעם הויפּט־קוואַרטיר פון די שיקאַגער אַנאַר־כיסטן, ווו אלע פרעמדע חברים פלעגן איינשטיין און ווו אויך די גוטע וואָלטעריין האָט פאַרבראַכט די לעצטע צייט פון איר לעבן. אויפן באַנקעט האָב איך דערנאָך געטראָפן אלע אקטיווע חברים פונעם נאָענטסטן קרייז, צווישן זיי נעבן די אַלטע שיקאַגער תושבים, אַזעלכע ווי בלום, ווייַנבערג, גודמאַן א. אנד., אויך א סך אלטע פריינט, מיט וועמען איך האָב נאָך געאַרבעט צוזאַמען אין ענגלאַנד. ס׳איז געווען אַ זייער אינטימער און אַנגענעמער אָוונט, הגם די שרעקלעכע היץ איז געווען שטאַרק באַלעסטיקנדיק און אלץ אויף מיר איז געווען אויסגעווייקט אין שווייס. נאָך דעם אייזקאַלטן קלימאַט פון קאַנאַדע איז דאָס פאַר מיר געווען אן איבעררעאַשנדיקע ענדערונג און דווקא נישט קיין זייער אַנגענעמע.

די אַנדערע צוויי טעג, וועלכע זיינען מיר נאָך איבערגעבליבן, האָב איך פאַר־בראַכט ביים אַרומקוקן זיך אין שטאָט. איך פלעג דערביי שטענדיק זיין באַגלייט מיט דער אַנגענעמער געזעלשאַפט פון אַ היפּשער צאָל חברים; ספּעציעל האָט מיך דער אַלטער דזשעקסאָן קיינמאָל נישט איבערגעלאָזט אַליין. מיר פלעגן געוויינלעך פאָרן מיטן „עלעוויטאָר" אין אלע ריכטונגען פון דער שטאָט, ווייל פון דאָרט האָט מען דעם בעסטן אויסקוק אין אַלע טיילן פון שיקאַגאָ. די שטאָט האָט זיך זינט דעמאָלסט געוואלטיק געענדערט און דווקא צום בעסערן. אָבער דעמאָלסט איז דער איינדרוק פון איר נישט געווען קיין פאַרלאָקנדיקער. דער בלאָקסיסטעם פון די אַמעריקאַנישע שטעט האָט ווייניק אָפּוועקסלונג. און וואָס שייך די אינדוסטריעלע טיילן פון דער שטאָט האָבן זיי זיך געפונען אין אַזאַ פאַרוואָרלאָזטן צושטאַנד, פון

וואָס דאָס אויג פלעגט זיך אַזוי ווי פילן באַליידיקט. בלויז ביים ברעג פון דער מעכטיקער מישיגאַן־אָזערע זיינען געווען אייניקע זייער ריינע און מיט פאַרנעם אויסגעבויטע שטאָט־טיילן, וועלכע האָבן געמאַכט א גוטן איינדרוק. אויך די ריזיקע „וואָלקנקראַצער“, וועלכע איך האָב ביז דעמאָלסט געהאַט געזען בלויז אויף די בילדער, זעען־אויס נישט שלעכט אין דער באָענטקייט פון דער אָזערע.

זייער אינטערעסאַנט איז געווען אַ וויזיט אין עטנאָלאָגישן מוזיי, וועלכער גיט אפשר דעם בעסטן איבערבליק וועגן דער קולטורעלער אנטוויקלונג פון די פריערדיקע אינדיאַנער־שבטים. די איינאָרדענונג איז געמאַכט אַזוי, אַז דער באַזוכער האָט פאַר זיך פיגורן פון גרופּן פון די פארשידנדיקסטע שבטים אין זייער אורשפּרינגלעכער סביבה, מיט זייערע וויגוואַמס, געווער, מכשירים, טאַטעמס א.ד. גל. אַזוי אַז ס׳איז לייכט צו מאַכן פאַרגלייכן צווישן זיי. חוץ דעם האָבן מיר אין דזשעקסאָנען געהאַט אַן אויסגעצייכנטן פירער, וועלכער איז געווען גוט באקאַנט מיט דער היסטאָריע פונעם רויטן מענטשן און ער האָט מיר אָפּט געגעבן איבערראַשנדיקע אינפאָרמאַציעס וועגן זאַכן, וועלכע וואָלטן פאַר מיר אָן זיין הילף געווען פאַרבייגייגעגאַנגען אומבאַמערקט.

דער אַלטער דזשעקסאָן איז איבערהויפּט געווען אַ קאַפּיטל פאַר זיך און ער איז אָן ספק געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע מענטשן, מיט וועלכע ס׳קומט־אויס זיך אָנצוטרעפן. ער האָט געהאַט אינדיאַניש בלוט אין זיינע אָדערן, ער האָט אָבער באַקומען א גוטע דערציִונג און ער האָט געהאַט אויף זיך א גוטן פילאָזאָפישן קאָפּ מיט אָריגינעלע אידעען, וועלכער האָט אין זיין לעבן אַ סך געלערנט. ער האָט געהאַט הינטער זיך א שטאַרק־אַוואַנטוריסטישע פאַרגאַנגענהייט און ער האָט אין זיין יוגנט א לאַנגע צייט געוווינט מיט אינדיאַנער שבטים אין מערב־קאַנאַדע. אין יאָר 1885 האָט ער געהאַט גענומען אַ שטאַרקן אָנטייל אינעם לעצטן גרויסן אויפשטאַנד פון די אינדיאַנער אונטער דער אָנפירונג פון לואי ריעל. ווען ריעל איז פון די ווייסע דערשאָסן געוואָרן, האָט דזשעקסאָן, וועלכער איז אויך געווען פאַרמישפּט צום טויט, באַוויזן דורך אַ האַלדזברעכערישער איינשטעלעניש זיך אַריינצוכאַפּן אין די פאַרייניקטע שטאַטן. ס׳איז געווען אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט צו רעדן מיט אים וועגן יענע פּאַסירונגען, מחמת ער האָט געוווסט וועגן א סך זאַכן, וועלכע מ׳געפינט נישט אין די אָפיציעלע באַריכטן וועגן יענעם אויפשטאַנד. פאַר ריעלן האָט דזשעקסאָן געפילט ממש אַ יראת־הכבודיקע אַכפּערונג; ער פלעגט אים באַשרייבן ווי אַ מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן און מיט א קילער אנטשלאָסנקייט, וועלכער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום איינשטעלעניש, ביכדי צו פאַרטיידיקן די רעכטן פון די אַזוי שענדלעך אָפּגענאַרטע אינדיאַנער.

דזשעקסאָן איז דערנאָך אריין אין דער פריהייטלעכער באַוועגונג, וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן די בעסטע כוחות. ווען איך בין מיט צוועלף יאָר שפּעטער ווידער געקומען קיין שיקאַגאָ, איז ער געהאַט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס ס׳האָט מיט אים פּאַסירט. דער רוב האָט אים געהאַלטן

פאַר טויט און אויך איך אַליין האָב שלום געמאַכט מיטן דאָזיקן געדאַנק. האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז ווען ס'איז מיר אין יאָר 1935 אויסגעקומען צו רעדן ביי אַן 1טן מאַי־מיטינג אין ניו יאָרק, האָט זיך צו מיר דערנענטערט אַן אלטער מאַן מיט שניי־ווייסע האָר און מיר דערלאַנגט די האַנט. ער האָט מיך שמייכלענדיק אָנגעקוקט און אַ זאָג־געטאָן צו מיר: „דו האָסט מיך מיסתמא שוין לאַנג פאַרגעסן, רודאָלף". איז מיר פּלוצים אויפגעגאַנגען ווי אַ ליכט פאַר די אויגן: „דזשעקסאָן!", האָב איך געזאָגט אין פריידפולער אויפרעגונג. „אָט אַזוי ווי ער שטייט פאַר דיינע אויגן", האָט ער געענטפערט און מיך האַרציק אַרומגענומען. ער איז דעמאָלסט אַלט געווען 88 יאָר און זיך געהאַט שטאַרק פאַרענדערט. אָבער פונדעסטוועגן האָט מען דאָס דאָזיקע פּנים נישט געקאָנט פאַרגעסן, ווען מ'האָט עס איינמאָל געזען. ער האָט מיר דערציילט, אַז שוין זינט אַ סך יאָרן ווי ער לעבט אין אַן אינדיאַנישן ישוב אין מאַין און ער איז בלויז געקומען אויף איניקע טעג קיין ניו־יאָרק, ביכדי צו דער־ליידיקן אַ יורידישן קאָנפליקט, וואָס זיין קליינע געמיינדע האָט. נאָך דעמזעלביקן אָוונט איז ער אָפּגעפאָרן. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב אים געזען.

מיינעביידע רעפעראַטן זיינען געווען אויסערגעוויינלעך גוט באַזוכט, נישט גע־קוקט אויף דער דערדריקנדיקער היץ. נאָך היינט חידוש איך זיך, ווי אַזוי די באַזוכער האָבן געקאָנט אויסהאַלטן אין אָט־דעם געדיכט מיט מענטשן אָנגעפילטן זאַל. אפילו די בינע איז געווען פול מיט מענטשן, און איך האָב קוים געהאַט אַ פּלאַץ צו שטיין. אָבער איך האָב געהאַט אַ דאַנקבאַרע אוידיטאָריע, וועלכע האָט מיט שפּאַ־נונג זיך צוגעהערט צו מיינע ווערטער. ס'איז געווען אַ שווערע אַרבעט און דער שווייס האָט זיך געשפּאַרט ריטשקעסווייז פון אַלע פאָרן. נאָך די רעפעראַטן בין איך יעדע נאַכט געזעסן מיטן נענטערן קרייז פון די חברים אין אַ פריינטלעכן קאַפעהויז ביז באַגינען. געשלאָפן בין איך אין שיקאַגאָ ווייניק, ווייל די צייט איז געווען קורץ און איך האָב זי געמוזט אויסנוצן אויפן בעסטן אופן. דאָס זיינען געווען אָנגע־שטרענגטע טעג, אָבער פולע מיט נייע איינדרוקן און אָנגענעמע זיכרונות. ווען איך בין דעם 8טן מאַי אָפּגעפאָרן פון שיקאַגאָ, האָב איך זיך געפילט ווי צעפאָרן, צעבראָכן. ס'איז געווען די העכסטע צייט, ווייל אַפילו דער שטאַרקסטער קערפּער קאָן נישט אויסהאַלטן אַזעלכע כסדר־דויערנדיקע איבער־אָנשטרענגונגען.

איך בין פריער געפאָרן קיין לאָנדאָן, אָנטאַריאָ, און פון דאָרט קיין האַמילטאָן. אין יעדער איינער פון די צוויי קליינע שטעטלעך האָב איך געגעבן צו איין רעפע־ראַט. אין טאָראָנטאָ האָבן די חברים געהאַט אַראַנזשירט פאַר מיר נאָך דריי רעפע־ראַטן, וועלכע זיינען ווידער געווען אויסגעצייכנט באַזוכט. ווען איך האָב זיך לסוף געזעגנט מיט די דאָרטיקע ליבע פריינט, האָבן מיר געהאַט דאָס פריידפולע באַוווסט־זיין, אַז מיר האָבן דורכגעפירט אַ גוטע אַרבעט. אויך אין אָטאַווא האָב איך נאָך געהאַט אַ גוט־באַזוכטע פאַרזאַמלונג. דעם 18טן מאַי בין איך לסוף צוריק אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל. דער גאַנצער מיזרחדיקער טייל פון קאַנאַדע האָט איצט געמאַכט אַ גאַנץ אַנדערן איינדרוק. דער שניי איז געווען פאַרשוואונדן, די ערד איז געווען גרין

און די ביימער זיינען געווען באַדעקט מיט יונגע בלעטער. ערשט איצט האָב איך דערקענט דאָס אמתע מאָנטרעאל און דעם שיינעם אַרום זיינעם; אין מאָנטרעאל האָב איך נאָך געדארפט געבן פיר רעפעראַטן און דאָרט געדאַרפט בלייבן נאָך צען טעג. איך האָב לכתחילה געהאט בדעה צו מאכן א קורצן באַזוך אין ניו יאָרק, אָבער די לאָנדאָנער חברים האָבן דרינגנדיק פארלאנגט, אז איך זאָל וואָס פריער צוריקקומען, ווייל פרומקין קאָן נישט פארבלייבן לענגער אין לאָנדאָן. האָב איך דאָסמאָל געמוזט אויפגעבן מיין פּלאַן.

דעם 29טן מאי בין איך אָפּגעפאָרן מיט דער באַן קיין קוויבעק, כדי פון דאָרט אָפּצופאָרן קיין ליווערפּול מיט דער שיף „עקספּרעס אָוו איירלאנד"; די „עקספּרעס" איז געווען א פּרעכטיקע שיף און לפּחות דריי מאָל אזוי גרויס ווי די „קאָרסיקאַן", מיט וועלכער איך בין אהערגעקומען. ווען דעמאָלסט געקאָנט איינפאלן, אז דיזאָזיקע הערלעכע שיף וועט פּונקט אין אַ יאָר אַרום, דעם 29טן מאַי 1914, עטלעכע שעה פאר קוויבעק, ד. ה. אין טייך סענט לאָרענץ און נישט אין אָפענעם ים, האָבן אַזאַ אומגליקלעכן צוזאַמענשטויס מיט א קליינעם קוילנשיפל, אז זי וועט אין משך פון צען מינוט אונטערגיין און צוזאַמען מיט איר אַ גרויסער טייל פון די פּאַסאַזשירן, פאר וועמעס רעטונג ס'איז פּשוט נישט געווען קיין צייט עפּעס צו טאָן! מילי און איך האָבן דעמאָלסט אין לאָנדאָן דורכגעלעבט אייניקע שרעקלעכע שעהן, ווייל מיין עלטערער זון, ווען איך האָב מיט אַ יאָר צוריק איבערגעלאָזט אין מאָנטרעאל, האָט אונדז קורץ פאַר דעם געהאט געשריבן, אַז ער טראַכט אין אָט־דעם טאָג פונעם אומגליק צוריקצוקומען מיטן „עקספּרעס" קיין ענגלאנד. תיכף נאָכדעם ווי ס'איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן דיזאָזיקע טרויעריקע ידיעה זיינען מיר באלד, אינגאנצן צעטרייסלט פון אויפרעגונג, אוועק אינעם ביוראָ פון דער שיפס־קאָמפּאניע, ווו מ'האָט אונדז בלויז געקאָנט זאָגן, אז די „עקספּרעס" איז טאַקע אונטערגעגאנגען און אַז צוזאַמען מיט איר זיינען אויך אומגעקומען א סך פּאסאזשירן. מ'קאָן זיך פאָרשטעלן, מיט וואָס פארא שווער געמיט מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים. אָבער ווען מיר זיינען אָנגעקומען אהיים, האָט שוין דאָרט געווארט אויף אונדז אַ טעלעגראַפישע ידיעה, אין וועלכער רודאָלף האָט אונדז געלאָזט וויסן, אז ער האָט זיין צוריקרייזע געמוזט אָפּלייגן אויף א וואָך צייט. מיר זיינען ביידע געווען ווי באַטויבט, אָבער אַ שטיין איז אונדז אַראָפּגעפאַלן פון האַרץ.

די רייזע פון קוויבעק אויפן מעכטיקן טייך סענט לאָרענץ איז איינע פון די שענסטע, וואָס מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. אויפן לינקן ברעג פונעם טייך זיינען פאַראַן די סענט לאָרענץ־בערג איינגעהילטע אין א צארט־בלויען שלייער און זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַן אנטיצקנדיקע פּאַנאָראַמע, וועלכע איז א נחת פאַרן אויג. דער טייך ווערט וואָס ווייטער אלץ ברייטער, ביז מ'פארלירט ביידע ברעגן פון אויג, פאר זיין אַריינפאלן אינעם סענט לאָרענסאָ־אויסגוס. די רייזע מיט אָט־דעם טייך, דורך דעם ים־אויסגוס און דעם קאַנאַל פון בעל איל צווישן לאַבראַדאָר און ניו־פונדלאַנד, דויערט בערך פערציק מינוט. ערשט דעמאָלט הייבט זיך אָן די ריכטיקע רייזע איבערן אָקעאַן. דער ערשטע טייל פון דער רייזע איז נישט געווען שטאַרק

אַנגענעם. נאָענט פון ניו־פונדלאַנד האָט זיך אָפּגעזעצט א געדיכטער נעפּל, אזוי אַז די שיף האָט געמוזט פאָרן פּאַמעלעך, מיט בלויז א האלבער שנעלקייט. דאָס וועטער איז אויך געווען זייער קאַלט צוליב דער גרויסער צאָל אייזבערג, וועלכע שווימען אין אָט־דער צייט צו דרום. אין איינעם אַ פרימאָרגן — ס'איז געווען א שטאַרק פראָסטיקער, אָבער קלאָרער און זוניקער טאָג — האָבן מיר געזען אזא ריז, וועלכער האָט זיך ארויסגעהויבן פון די כוואַליעס קוים צוויי מייל ווייט פון אונדזער שיף. ס'איז געווען א פּרעכטיק בילד. די ריזיקע מאסע איז מיט אירע משופּעדיקע, שפּיציקע און עקיקע בערגלעך און צאַפּנס האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א ווייטן ריזיקן פּאלאַץ, וועלכער גלאנצט און בלישטשעט אונטער די שטראַלן פון דער זון אין אַלערליי קאָלירן און דערמאָנט אין די פּאַלאַצן פון די כישוף־מעשהלעך.

ערשט ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער אַנדערער זייט פונעם אָקעאַן, איז דאָס וועטער געוואָרן מילדער און מ'האָט געקאָנט פארברענגען די גאַנצע צייט אויפן דעק. דעם 5טן יוני שפּעט נאָכמיטיק זיינען מיר אַריינגעפאָרן אין ליווערפּולער האַפן. נאָך דעמזעלביקן אָוונט האָב איך געגומען די באַן קיין לאָנדאָן, וווהין איך בין אָנגעקומען קורץ פאר האלבער נאכט. ס'איז געווען א פריידיקע באגעגעניש. מילי און אונדזער קליינער פערמין האָבן שוין זינט שעהן אומגעדולדיק געוואַרט אויף מיר. אַן אָנגענעם געפיל האָט מיך אַרומגענומען. ס'איז געווען א נחת־רוחדיק געפיל ווידער צו זיין אין דער היים נאָך דעם אלעם דורכגעמאכטן אויף אזא לאנגער און היפּש שווערלעכער רייזע.

# קראַפּאָטקינס מיינונגען וועגן דער לאַגע אין אייראָפּע

עטלעכע וואָכן נאָך מיין אומקער פון קאַנאַדע האָב איך באַקומען פון קראָפּאָט־קינען א פריינטלעכע פארבעטונג צו קומען צו אים צוגאַסט. ער האָט מיר געשריבן, אַז ס'וועלן ביי אים אויך זיין טאַררידאַ און אייניקע אנדערע פריינט און אַז ער וואָלט שטאַרק געוואָלט הערן מער פרטים וועגן מיינע רייזע־דערפאַרונגען. איך האָב זיך מיט פּיאָטרן און מיט זיין פאמיליע נישט געזען פון זינט דעם גרויסן שטרייק אויף איסט־ענד און דערפאַר איז עס מיר געווען אַ גרויס פאַרגעניגן צוליבצוטאָן זיין בקשה. אין אַ זונטיקדיקן אינדערפרי פון חודש יולי האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צו דער פריינטלעכער הייזקע פון דער פאַמיליע. דער אלטיטשקער אַליין האָט מיר געעפנט די טיר און מיך הארציק ארומגענומען. דער רעשט געסט האָט געזאָלט קומען ערשט נאָכמיטיק, אזוי אז איך האָב געהאט א גוטע געלעגנהייט צו זיין מיט פּיאָטר אליין במשך פון אייניקע שעה, בעת סאָפיע האָט צוגעגרייט דאָס מיטיק. ער האָט מיך באלד אַריינגעפירט אין זיין פריינטלעכן ארבעטסצימער אויפן ערשטן שטאָק און איך האָב אים איבערגעגעבן בקיצור וועגן אַלץ, וואָס איך האָב דורכ־געמאכט בעת מיין רייזע. בעת זיין קורצן אויפהאלט אין די פאַרייניקטע שטאַטן האָט קראָפּאָטקין אויך אינאיינוועגס באַזוכט קאַנאַדע, אָבער ער איז געווען בלויז אין טאָראָנטאָ און מאָנטרעאל, ווו ער האָט אין די אוניווערזיטעטן פוןביידע שטעט געהאַט אייניקע אַלטע באַקאַנטע. מיר האָבן גערעדט וועגן די אמתע צושטאַנדן אין דער פּראָווינץ קוויבעק, ווו די קירך האָט ביז איצט באוויזן אויפצוהאלטן א טאָטאַלן טעאָקראַטישן רעזשים אונטער דער מאסקע פון מאָדערנע פּאָליטישע אנשטאַלטן. דער אלטיטשקער איז געווען מיט דער מיינונג, אז די פאַמעלעכע אנטוויקלונג פונעם לאנד, דער דוחק אין גרעסערע שטעט, וועלכע ווערן תמיד צענטערן פון פרייערע אַנשויונגען, און די פרימיטיווע איזאָלאַציע פון דער פראַנצויזישער דאָרפישער באַ־פעלקערונג אין אירע האַלב־פעאָדאַלע דערפער האָט ביז איצט געגעבן דער קירך די בעסטע מעגלעכקייט צו פארפעסטיקן איר מאכט און זיך אריינצומישן אין אלע פאר־העלטענישן פונעם גייסטיקן און סאָציאַלן לעבן. פונדעסטוועגן האָט ער געהאלטן, אז די אלגעמיינע געזעלשאפטלעכע אנטוויקלונג פונעם ריזיקן לאנד און ביפרט דער איינפלוס פון די פאַרייניקטע שטאַטן אויף זיין עקאָנאָמישער אויסגעשטאַלטיקונג, זועט דערפירן צו דעם, אז אויך אין דער פּראָווינץ קוויבעק זאָל פאַרקומען אַן ענדע־רונג, וועלכע אויך די קירך וועט מיט דער צייט נישט קאָנען שטערן, נישט

געקוקט אויף איר איצטיקער מאכט. ביז דעמאָלסט וועלן נאָך אפשר אריבער א סך יאָרן, ווייל אזעלכע אנטוויקלונגס־פּראָצעסן קומען נישט פאַר לויט א באַשטימטן פּראָגראַם, אָבער אין סך־הכל איז עס א פראַגע פון צייט.

בשעת אונדזער שמועס האָב איך אים אויך דערציילט וועגן מיין אומדערוואַר־טער באַגעגעניש מיט ריקענסן אין מאָנטרעאָל, און אזוי ווי דער עינין איז אים געווען גענוי באַקאַנט, האָט ער זיך צוגעהערט צו מיינע רייד מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט. איך האָב בפירוש געקאָנט דערקענען, ווי שטאַרק ער איז גע־רירט געוואָרן פון מיין אינפאָרמאַציע; אָבער אויך ער איז געווען ביי דער מיינונג אז יעדע קאָנספּיראַטאָרישע טעטיקייט מוז אומפאַרמיידלעך דערפירן צו אזעלכע און ענלעכע רעזולטאַטן. סאָציאַלע באַוועגונגען, האָט ער געהאַלטן, לעבן זיך אויס צום בעסטן אין דער ברייטסטער עפנטלעכקייט, ווו יעדער איינער האָט די מעג־לעכקייט צו זען און מערקן איר אקטיוויטעט און באַקאַנט צו ווערן מיט אירע שטרע־בונגען. ער האָט נאַטירלעך נישט געלייקנט, אַז אין פעריאָדן פון רעאַקציע איז אָפט די אונטערערדישע טעטיקייט דאָס איינציקע מיטל, אויב מ׳וויל זיך נישט אויסשטעלן אויפן חסד אָדער אייגנוויליקייט פון די טיראַנישע מושלים. ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז אַזאַ צושטאַנד דאַרף תמיד באטראכט ווערן ווי א פּראָוויזאָרישער, וועלכער מוז אַזוי באַלד ווי מעגלעך פאַרענדיקט ווערן, ביכדי די באַוועגונג זאָל פונדאַסניי זיך פאַרנעמען אויף נאַטירלעכע וועגן און קאָנען דערפילן איר אייגנט־לעכן ציל.

„דאָס איז דאָך נאַטירלעך נישט אָפּהענגיק בלויז פון אונדזער ווילן", האָט פיאָטר געזאָגט. „ווען די רעאַקציע איז א קורצדויערנדיקע, קומט דער איבערגאַנג געוויינלעך פאַר מיט אַן אינערלעכער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און אָן גרויסע שוועריקייטן. אַנדערש איז אָבער, ווען דער צושטאַנד פון דער רעכטלאָזיקייט און אונטערדריקונג דויערט א לענגערע צייט, אָדער אין לענדער, ווו די באַוועגונג איז ביז איצט איבערהויפּט נישט געווען אימשטאַנד צו אקטואירן עפנטלעך, ווי למשל אין רוסלאַנד. דאָרט אַנטוויקלט זיך ביסלעכוויז ביי אירע אַקטיווע אָנהענגער א ספּעציעלער גייסטיקער און נשמהדיקער צושטאַנד, וועלכער ווערט נאָך מער פאַר־טיפט דורך די באַשטייענדיקע פאַרפאָלגונגען. ביז מ׳פאַרלירט גענצלעך פונעם אויג די גרענעץ צווישן דער עקזיסטירנדיקער ווירקלעכקייט און די אילוזאָרישע איינ־בילדונגען, ביי וועלכע דער מענטש איז דער פאָטער פונעם געדאַנק. אזא צושטאַנד באַשאַפט אָפט ביי איינצלנע פערזאָנען אן אומאָפּפרעגבאַרן און באַוואונדערונגסווערטן העראָיזם, אָבער ער אנטוויקלט אויך אין דערזעלבער צייט א שטענדיקן אומצוטרוי, וועלכער איז די בעסטע שטיצע פאר אלערליי אומקאָנטראָלירטע קלאַנגען, און אפילו אָן באַשטימטע כוונות וואַרפט ער אָפּט אַרויף אויף מענטשן אַ חשד, קעגן וועלכן ס׳איז כימעט אוממעגלעך א ווירקזאַמע פאַרטיידיקונג".

קראָפּאָטקין האָט געפילט א טיפן מיטלייד צו ריקענסן און ער האָט עס גע־האַלטן פאַר א הויכע מדרגה, וואָס ער האָט, נישט געקוקט אויף אלץ, נישט פאַר־לוירן דעם מוט און געבליבן געטריי צו זיינע איבערצייגונגען.

„איך ווייס פון מער ווי איינעם״ — האָט ער געזאָגט, „וועלכע האָבן נישט געהאַט אַזאַ שטאַנדהאַפטיקייט און זיינען געפאַלן קרבנות פון דער פאַרצווייפלונג. מ׳קאָן טאַקע פאַרשטיין אַזעלכע פאַלן, אָבער דערמיט מאַכן שלום איז אוממעגלעך״.

כ׳האָב זיך געפילט שטאַרק צופרידן פון דעם, וואָס אונדזער אַלטיטשקער האָט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן אַזוי טיף מענטשלעך יענעם טראַגישן עפּיזאָד.

נאָכמיטיק איז געקומען טאַררידאַ, אַן אויפגעלייגטער און אַ לייטזעליקער ווי תמיד. ער איז געקומען אין באַגלייטונג פון אַ שפּאַנישן רעפּובליקאַנער, וועמעס נאָמען איך האָב פאַרגעסן און וועלכער איז בלויז געקומען אויף אַ קורצן באַזוך קיין לאָנדאָן. שפּעטער זיינען אויך געקומען וויליאַם וועס און טאָם קיל. דער שמועס האָט זיך פון אָנהויב געדרייט אַרום די דעמאָלטיקע געשעענישן אין מעקסיקע, צו וועלכע מיר אַלע האָבן אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן אינטערעס. טאַררידאַ, וועלכער איז געשטאַנען אין נאָענטע באַציונגען מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יענעם לאַנד, האָט איבערגעגעבן אַ סך אינטערעסאַנטע איינצלהייטן וועגן דעם סאַפּאַטאַ־אויפשטאַנד, וועלכער האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער אייניקע פּראָווינצן און אַרומגענומען וואָס ווייטער אַלץ ברייטערע קרייזן. סאַפּאַטאַ איז געווען אַ פולבלוטיקער אינדיאַנער, וועלכער איז געווען שטאַרק באַיינפלוסט פון ריקאַרדאָ פלאָרעס מאַגאָנס פרייהייטלעכע אידעען און ער האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ גאַניטער און פלינקער פירער אין אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיזאַנער־מילחמה. ער האָט זיך שוין געהאַט באַטייליקט אין די אויפשטאַנדן קעגן דעם באַרימטן דיקטאַטאָר פּאָרפיריאָ דיאַס. אָבער ווען די צוגעזאָגטע און דערוואַרטע אַגראַר־רעפאָרם איז נאָכן טיראַנס מפּלה כסדר אָפּגעשלעפּט און אָפּגעלייגט געוואָרן און אונטער דער ממשלה פונעם פּרעזידענט ערנעסטאָ מאַדעראָ האָט מען זי כימעט אינגאַנצן אויפגעגעבן, דעמאָלסט האָט זיך סאַפּאַטאַ מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט געשטעלט בראש פון דער רעוואָלוציאָנערער דאָרפישער באַפעלקערונג, ביכדי מיט געוועור אין דער האַנט אַרויפצוצווינגען די פאַרטיילונג פון דער ערד. די אויפשטענדישע האָבן געקעמפט מיט גרויסן מוט און די רעגירונגסטרייע חיילות האָבן זיך נאָך אייניקע פאַרלוירענע שלאַכטן געמוזט צוריקציען פון די רעבעלישע געגנטן. אומעטום, ווו דאָס פאָלק האָט פאַרטריבן דאָס מיליטער און באַאַמטע פון דער רעגירונג, איז תיכף דורכגעפירט געוואָרן אַ באַנייאיקע פאַרטיילונג פון דער ערד, וועלכע איז איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון די דאָרפס־געמיינדעס; זיי האָבן פון דעם מאָמענט אָן איבערגענומען אין זייערע הענט די דערליידיקונג פון זייערע עינינים און זיי האָבן זיך צונויפגענומען אין אַ פאַרבאַנד פאַר קעגנזייטיקער הילף און פאַרטיידיקונג, אין וועלכן יעדע געמיינדע האָט געהאַט דאָס זעלביקע רעכט און די זעלביקע פרייהייטן.

אָט־דידאָזיקע אייגנאַרטיקע באַוועגונג איז דורכגעפירט געוואָרן כימעט אומעטום, ווו די רעבעלן האָבן געהאַט די דעה, אָן די מינדסטע שוועריקייטן, מחמת פון איין זייט איז זי באַגינציקט געוואָרן דורך די אַלטע טראַדיציעס פון די דאָרפישע געמיינדעס און פון דער אַנדערער זייט איז זי געקומען פון מענטשן, וועלכע האָבן במשך פון הונדערטער יאָרן געלעבט אונטער די איינפאַכע פאַרהעלטענישן פון אַ

פּרימיטיווער לאַנדווירטשאַפט און זיי זיינען געווען געוווינט צו דערליידיקן זייערע אינערלעכע עינינים לויט די מינהגים פון אַן אַלטן געוווינהייטסרעכט, אינוויפיט זיי זיינען אין דעם נישט געשטערט געוואָרן פון דער רעגירונג.

ווען די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע שטרעבונגען פון דער סאָפּאָטאַ־באַוועגונג זיינען מיר אַלע געווען גאַנץ גוט אינפאָרמירט, אָבער די איינצלהייטן, וועלכע טאַר־רידאַ האָט אונדז איבערגעגעבן, זיינען געווען פאַר אונדז ניי און אינסטרוקטיוו און זיי האָבן געוואָרפן א זייער העל ליכט אויף די מעגלעכקייטן פון סאָציאַליזם אין אַ כימעט גענצלעך אַגראַרישן לאַנד ווי מעקסיקע.

ווען איך האָב זיך, ווי אַ יונג בחורל, באַקענט מיטן סאָציאַליזם, איז עס געווען דער סאָציאַליזם געזען לויטן מאַרקסיסטישן באַנעם. איך האָב זיך דעריבער געהאַלטן ביי דער פעסטער איבערצייגונג, אַז די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און פון דער מאָדערנער מאַסנפּראָדוקציע איז דער ערשטער תנאי פאַר א סאָציאַליסטישער איבעראַנדערשונג פון דער געזעלשאַפט. אַזעלכע קאָנצעפּטן, מיט וועלכע מ׳דרינגט זיך דורך מיט דער גאַנצער לייכטגלייביקייט פון דער יוגנט, קאָן מען נישט אַזוי לייכט אויסוואָרצלען און ס׳איז אַריבער אַ היפּש ביסל יאָרן, ביז איך האָב זיך גענצלעך באַפרייט פון זיי. קראָפּאָטקין און טאַררידאַ, וועמעס סאָציאַליסטישע אַנט־וויקלונג איז פאָרגעקומען ביי גאַנץ אַנדערע אומשטענדן, זיינען קיינמאָל נישט באַ־איינפלוסט געוואָרן פון אָט־דער דאָגמע; דעריבער זיינען זיי געווען אימשטאַנד צו באַנעמען די פראַגע פון סאָציאַליזם פון לכתחילה אָן אַ סך פרייער און מיט פיל ווייניקער פאָראורטיילן ווי איך.

אינדעראמתן איז דאָך דער סאָציאַליזם פיל ווייניקער אַן עינין פון דער פּראָדוקציע ווי אַן עינין פון דער גערעכטיקער פאַרטיילונג פון די אַרבעטס־פּראָדוקטן, ד״ה אַ ריין עטישער פּראָבלעם, וועלכער איז נישט געבונדן צו קיין שום פאָרעם פון דער פּראָדוקציע, נייערט איז אָפּהענגיק פון דער אינערלעכער איבערצייגונג פון די מענטשן. יעדע פאָרעם פון דער פּראָדוקציע, מעג זי זיין ווי פּרימיטיוו אָדער אַנטוויקלט, דינט דאָך סוף־כל־סוף פאַר דער באַפרידיקונג פון מענטשלעכע באַדערפענישן. די פראַגע איז בלויז, אויף וועלכן אופן דאָס קומט־פאָר. אַז די באַדערפענישן פון די מענטשן מוזן זיך צופּאַסן צו די רעספּעקטיווע מעגלעכקייטן פון דער פּראָדוקציע, איז אַ זעלבסטפאַרשטענד־לעכקייט, וואָס לייגט זיך אַזוי שטאַרק אויפן שכל, אַז ס׳איז לגמרי נישט נייטיק ביי יעדן מאָל פונדאָסניי אונטערגעשטראָכן צו ווערן. אָבער פאַרן עצם סאָציאַליזם האָט זי לגמרי נישט אָדער בלויז א פאַרהעלטנישמעסיקן באַטייט. ס׳איז דאָ נישט וויכטיק דער אופן פון דער פּראָדוקציע, ווי אַזוי די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט קומט פאָר, נייערט דאָס, אַז אירע פּראָדוקטן זאָלן צופאַלן אין גלייכע חלקים צו אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. דער סאָציאַליזם איז די באַוווסטזיניקע אָנווענדונג פון עטישע פּרינציפּן אויף אַלע צווייגן פונעם עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועלכע קומען־אַרויס פונעם אינערלעכן גערעכטיקייטס־געפיל פונעם מענטשן און איז פול־שטענדיק אָפּהענגיק פון אים. און די העכסטע אויפגאַבע פונעם סאָציאַליזם איז אויפ־צוּוועקן דאָסדאָזיקע געפיל, אַז עס זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ באַוווסטזיניקן סענ־

טימענט ביים מענטשן. די מעכאנישע ווירקונג פון די כוחות פון דער פּראָדוקציע קאָנען נישט דורכפירן אָט־די אינערלעכע אומוואנדלונג אינעם פילן און דענקען פונעם מענטשן; דערצו זיינען נייטיק אנדערע פאקטאָרן און אויפן ערשטן פלאץ דאָס איינזען, די איבערצייגונג, אַז די מענטשלעכע אַרבעט איז נישט בלויז אַ מיטל צו באשאפן מאַטעריעלע עשירות, נייערט זי מוז אין אלע אירע מאניפעסטירונגען באַטראַכט און אָפּגעשאצט ווערן ווי אַן עטישער פאקטאָר, ביכדי דעם געזעלשאפט־לעכן צוזאַמענלעבן צו געבן אַ טיפערן זין. ווו אָט־די איבערצייגונג איז נישט פאראַן, דאָרט איז נישט פאַראַן קיין באָדן פאַרן סאָציאַליזם, ווען אפילו ס׳זיינען פאַראַן אַלע טעכנישע קאָנדיציעס פאר דער מעגלעכקייט פון אַן אלגעמיינעם עקאָנאָמישן וווילשטאַנד.

טאַררידאס אינפאָרמאַציע וועגן דער סאָפּאָטאַ־באַוועגונג האָט אונדז געגעבן גענוג שטאָף, כדי צו מאכן די פארשידנדיקסטע קאָמענטאַרן וועגן אָט־דעם גרונט־פּראָבלעם פונעם סאָציאַליזם און צו פארשטאַרקן די אייגענע איבערצייגונג, אַז אַ סאָציאַליסטישער קאָלעקטיוו איז מעגלעך אַפילו ביי די באַשיידנדיקסטע עקאָנאָמישע קאָנדיציעס, ביתנאַי, אַז די מענטשן זאָלן זיך אַרויסשטעלן פאר דעם און זיי זאָלן אָרגאַניזירן זייער לעבן לויט זייער אייגענעם איינזען אין סאָלידאַרישער פאַרבונדנקייט צווישן זיך. ווען מען האָט עס דעמאָלסט גאָר געקאָנט איינפאלן, אַז אויף דער אַזויגערופענער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט וועט עס אויספאַלן דער גורל צו ברענגען דעם אומאָפּפרעגבאַרן באַוויז, אַז אַ געפלאַנטע מלוכה־עקאָנאָמיע מיט אַ קינסטלעך אַרויפגעצוווּנגענער מאסנפּראָדוקציע אין אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט וועט ווערן דאָס ערגסטע אומגליק פאַרן סאָציאַליזם אין רוסלאַנד און לסוף זיך פאַרוואַנדלען אין אַ נייעם פעאָדאַליזם מיט צוואַנגסאַרבעט, סטאַכאַנאָוושטשינע און באַשטראָפונג פון די אַרבעטער פאַר קלענערער פּראָדוקציע, אַ מעטאָד, וועלכער עקזיסטירט נישט אין קיין שום קאַפּיטאַליסטישן לאַנד?

אָבער וואָס ס׳האָט זיך מיר פון יענעם באַזוך ביי קראָפּאָטקינען צום שטאַרקסטן איינגעגראָבן אין געדעכעניש, איז געווען די ווייטערדיקע אויסוויקלונג פונעם שמועס. טאַררידאַ האָט, ווייזט־אויס, געהאַט דערציילט זיין שפּאַנישן באַגלייטער, אַז פּיאָטר שרעקט זיך פאר אַ באַלדיקן מילחמה־אויסבראָך. איך האָב שוין פריער אויף אַן אַנדערן פלאַץ דערציילט, אַז בערך מיט אַ יאָר צוריק, ווען טאַררידאַ, טשערקעסאָוו און איך זיינען געווען ביי קראָפּאָטקינען צו גאַסט, האָט פּיאָטר שוין דעמאָלט געקוקט מיט גרויס זאָרג אויף דער צוקונפט און ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז דייטשלאַנד האָט שוין געמאכט אלע צוגרייטונגען צו דער מילחמה. ווען טאַררידאָס פריינט האָט אים איצט געשטעלט די פראַגע, צי ער גלייבט נאָך אַלץ אין דער מעגלעכקייט פון אַ באַלדיקער מילחמה, איז דער אלטיטשקער מיטאַמאָל געוואָרן זייער ערנסט און געזאָגט:

„איך האָב זיך אַביסל טועה געווען אין דער צייט, מחמת אַזעלכע פּאַסירונגען קאָן מען נישט אויסרעכענען פּינקטלעך לויטן יאָר און טאָג. אָבער אויך היינט נאָך בין איך פעסט איבערצייגט, אַז אויב עס וועט נישט קומען אַן אַנדערע, אַ גאַנץ אומ־

פאַרהאַפּטע ווענדונג, ווען די מילחמה אומבאַדינגט קומען. איך האַלט אפילו, אַז מיר שטייען שוין אין איר שאָטן. מ׳איז שוין אוועק צו ווייט אין דייטשלאַנד, אַז מ׳זאָל זיך קאָנען צוריקציען. נאָכדעם ווי מ׳האָט אַזוי לאַנג געפּאָכעט מיט דער שווערד, ביז די גאַנצע וועלט האָט זיך געפילט אין סכנה, קאָן מען נישט מיטאַמאָל פאַרבייטן דעם טרומייט אויפן פייפל פונעם פאַסטוך; און מ׳קאָן דאָס נישט טאָן בעיקר דערפאַר, ווייל מ׳האָט מורא, אַז דערמיט וועט מען פאַרלירן פּרעסטיזש. דורך זיין אויסערלע־כער פּאָליטיק האָט זיך דייטשלאַנד כסדר אַלץ מער אָפּגעזונדערט פון מערב־אייראָפּע. פון זינט ביסמאַרק איז אַוועק, האָט זיך די לאַגע פון יאָר צו יאָר פאַרערגערט, מחמת די הײנטיקע מושלים פון דער אימפּעריע פעלט יעדעס טיפערע פאַרשטענדעניש. זייער גאַנצע פּאָליטיק האָט זיך ביז איצט געשטיצט אויפן אָפּשרעקונגס־מיטל. אָבער דייטשלאַנדס אַלץ שטאַרקער ווערנדיקע איזאָלאַציע האָט זיי געוויזן, אַז אָט־דאָס מיטל ווירקט שוין נישט מער און ס׳איז זיי איצט באַפאַלן אַ פּחד. אָבער פּחד איז פון אייביק־אָן אַ שלעכטער בעל־יועץ. און כּדי נישט צו פאַרלירן ביסלעכווייז די לעצטע אַליאירטע, האַלט מען פאַר נייטיק צו פאַרלויפן דעם גאַנג פון די געשעענישן און דאָס וועט סוף־כּל־סוף דערפירן צו דער קאַטאַסטראָפע. מ׳וואַרט איצט בלויז אויף אַ פּאַסיקן תירוץ און ווי נאָר מ׳וועט אים האָבן, וועט מען זיך שוין נישט קאָנען אָפּשטעלן".

אויף קילס פראַגע, צי ער האַלט, אַז דייטשלאַנד אַליין איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער לאַגע, האָט קראָפּאָטקין תיכף געענטפערט:

„ניין, זיכער נישט! די גאַנצע געהיימע דיפּלאָמאַטיע איז געגאַנגען אינעם טייוולס שול. אָבער די הײנטיקע מושלים אין דייטשלאַנד זיינען מער פאַראַנטוואָרטלעך ווי אַלע אַנדערע, ווייל זיי האָבן געגעבן דעם מאָטאָ פאַר דער מיליטאַריזירונג פון אייראָפּע און זיך אַרויסגעשטעלט קעגן אַלע אָנטוואָפענונגספּלענער. דערמיט האָבן זיי געשאַפן אַ צושטאַנד, וועלכער מוז אומפאַרמיידלעך דערפירן צו אַ קאַטאַסטראָפע. וואָרן אפילו פאַר די רייכסטע לענדער איז פאַראַן אַ געוויסע גרענעץ. ווען מ׳דערגייט צו איר און ס׳קומט נאָך אַלץ נישט דער ישוב הדעת, וואָס דאָס פּאַסירט זעלטן אין אַזעלכע פאַלן, דעמאָלסט איז די מילחמה דער איינציקער אויסוועג פאַר די מושלים. ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן גאָרנישט וואָס צו געווינען דורך אַ מילחמה, אָבער זיי האָבן אַ סך וואָס צו פאַרלירן. אַפילו ווען זיי וועלן אַרויס מיט אַ ניצחון פון אַ מילחמה וועלן זיי באַקומען אַזעלכע שווערע וווּנדן, וועלכע וועלן נישט זיין אַזוי לייכט אויס־געהיילט צו ווערן. אַ מילחמה, וועלכע קאָן היינט צו טאָג בלויז זיין אַ מילחמה אין גרויסן פאַרנעם און זי מוז אַרומכאַפּן אַ סך לענדער, וועט מיט זיך ברענגען אַ טיפ־גייענדיקע צעטרייסלונג פונעם גאַנצן אייראָפּעיִשן עקאָנאָמישן לעבן און וועט דער־פירן צו אומאויפהערלעכע קריזיסן, וועמעס פאַרנעם ס׳איז דערווייל נישט מעגלעך אָפּצושאַצן. פאַר דייטשלאַנד איז די לאַגע נישט אין ערך גינציקער. וועט זי געווינען די מילחמה, וועט איר פּאָזיציע ווי אַן אויבערמאַכט אין אייראָפּע פאַרן משך פון אַ לאַנגער צייט זיין אַן אומאָפּפרעגבאַרע און אַ רעע מושלים וועלן פון די אַנדערע לענ־דער אַרויסקוועטשן וואָס ס׳וועט נאָר זיין מעגלעך, כּדי אַזוי גיך ווי מעגלעך צו־

ריקצובאַקומען דאָס פֿאַרלוירענע. וועט זי פֿאַרלירן די מלחמה, וועלן די זיגער גע־שטעלט ווערן פֿאַר א פּראָבלעם, וועלכעס וועט אָן אן אייראָפּעישער רעוואָלוציע אי־בערהויפּט נישט קאָנען געלייזט ווערן. דייטשלאַנד איז דאָס צום שטאַרקסטן באַפֿעל־קערטע לאַנד אין אייראָפּע. אַ קינסטלעכע צעברעקלונג פֿונעם לאַנד וועט מיסתמא באַשאַפֿן א נייעם אירדעדענטיזם, וועלכער וועט שוין איבערהויפּט נישט לאָזן אייראָפּע קומען צו זיך און זי איינשטילן. דערמיט וואָלט מען אַרויס פֿונעם רעגן, ביכדי אַריינ־צופֿאַלן אינעם שטורעם. אַן איבעראַנדערשונג וואָלט מעגלעך געווען נאָר ביתנאי, ווען ס'זאָל פֿון א באַזיגטן דייטשלאַנד גופֿא אויפֿקומען א נייע באַוועגונג, וועלכע זאָל איבעררייסן מיט אַ פֿאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט גאַנץ אייראָפּע פֿאַרוואַנדלט אין אַ ריזיקער קאַזאַרמע. אָבער צי וועט דאָס מעגלעך זיין? אַזעלכע פּלוצימדיקע ענדערונ־גען קומען־פֿאָר נאָר דעמאָלסט, ווען ס'זיינען פֿאַראַן די פֿאָרויסיקע גייסטיקע קאַנ־דיציעס פֿאַר דעם אינעם פֿאָלק גופֿא. איך האָב אָבער מורא, אַז אַזעלכעס וועט אין דייטשלאַנד נישט זיין דער פֿאַל. די אומגליקלעכע ירושה פֿון פֿאַרפֿונדעוועטן און טיף־איינגעקריצטן מיליטערשטאַט, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק און אַזוי טיף באַיינ־פֿלוסט דעם געדאַנקענגאַנג פֿון די מענטשן, קאָן נישט אָפּגעשאַפֿט און באַזייטיקט ווערן מיט איין קלאַפּ. דעריבער וועט מען זיך דאָרט נאָך א פֿאַרלוירענער מלחמה נאָך אויפֿמערקזאַמער צוהערן צו די שושקערייען פֿון אַ פֿאַרוואונדעטן נאַציאָנאַלן שטאָלץ, וועלכע וועלן באַקומען די אויבערהאַנט איבער דער שטימע פֿון דער פֿאַרנונפֿט".

דיזעלביקע פֿראַגע, וועלכע טאַררידאַ האָט בעת אונדזער באַזוך מיט אַ יאָר צוריק געשטעלט קראָפּאָטקינען, איז אויך ביים איצטיקן מאָל אַרויפֿגעקומען: צי וועט די אַרבעטערשאַפֿט, ווען זי וועט פֿאַרשטיין דעם פֿאַרנעם פֿון דער סכנה, זיך אין לעצטן מאָמענט אַנטשליסן צו אן אַלגעמיינער אַקציע און אַרויפֿצווינגען דעם פֿרידן דורכן אָפּשטעל פֿון דער גאַנצער עקאָנאָמישער טעטיקייט?

„אוודאי וואָלט זי דאָס געקאָנט", האָט דער אַלטיטשקער געזאָגט, „מחמת ווי דער פּראָדוצירנדיקער קלאַס האָט זי אַלע מעגלעכקייטן דאָס צו טאָן. אָבער אַזאַ ענערגיש־באַשיצנדיקע אַרויסטרעטונג וואָלט מעגלעך געווען גאָר דעמאָלט, ווען די דייטשע אַרבעטער זאָלן זיך קודם־כל אַרויסשטעלן פֿאַר אזא האַנדלונג מיט אַלע מיטלען, וועלכע זיי קאָנען האָבן אין זייער רשות. נאָר אַ ריזיקע באַוועגונג, וועלכע זאָל זיין באַהויכט מיטן פֿרידנסווילן פֿון די פֿעלקער און זאָל זיך אָנהייבן איינצייטיק אין אַלע פֿון דער מלחמה באַדראָטע לענדער, וואָלט געווען אימשטאַנד דורכפֿירן אַזאַ אויפֿגאַבע. אָבער אַזאַ באַוועגונג וואָלט געקאָנט זיין הצלחהדיק, ווען זי זאָל זיך אָנהייבן נאָך פֿאַרן אויפֿקום פֿונעם מלחמה־צושטאַנד, ביכדי אויפֿצוטרייסלען די עפֿנטלעכע מיינונג. ווייל אויב מ'זאָל וואַרטן, ביז דער קריג איז שוין א דער־קלערטער און די פֿעלקער זיינען שוין הערמעטיש אָפּגעטיילט, אָפּגעשלאָסן צווישן זיך, דעמאָלט וועט שוין זיין צו שפּעט".

די זיכערקייט, מיט וועלכער פּיאָטר האָט אַרויסגעזאָגט זיינע ספֿיקות, האָט אויף יעדן פֿון אונדז געמאַכט א טיפֿן איינדרוק. מיר האָבן צו גוט געקאָנט דעם אַלטיטשקן

און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס'דאַרפן זיין שווערוואָגיקע מאָטיוון, וועלכע האָבן אים באַוויגן צו אַזאַ ערנסטן קוק אויף דער לאַגע. פּיאַטר איז נישט געווען קיין פּעסימיסט, וועלכער זעט אומעטום געשפּענסטער. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ סך ביטחון, וועלכער האָט אים טאַקע נישט פאַרבלענדט, נישט צו זען דיווירקלעכקייט, פונדעסטוועגן האָט ער אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזן אפילו אין דער שווערסטער לאַגע. טאַקע אָט־די זייט פון זיין וועזן איז עס געווען, וועלכע האָט זיין פּערזאָן און זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען געגעבן אַזויפיל אינערלעכע וואַרעמקייט. אַז אַזאַ מענטש מיט אַזעלכע אייגנשאַפטן לאָזט זיך נישט גלאַט־אַזוי באַאיינפלוסן פון פּוסטע שטימונגען, דאָס איז געווען קלאָר פאַר יעדן איינעם פון אונדז. און טאַקע דערפאַר האָבן מיר נאָך שטאַרקער געפילט די ערנסטקייט פון זיינע רייד. ווען מיר האָבן זיך יענעם אָוונט געקליבן אַהיימצוגיין, האָבן מיר זיך אַלע געפילט מיט אַ שווער געמיט. אפילו טאַררידאַ, פון וועמען ס'פלעגט שטענדיק שפּראָצן מיט אַן אַלץ־אַרומכאַפּנדיקער אויפגעלייגטקייט, איז געוואָרן שטאַרק נאַכדענקלעך און אַ זאַג־געטאָן, אַז פּיאַטרס ווערטער דאַרפן נישט זיין קיין אַרויסגעוואָרפענע רייד.

מ'האָט אין די לעצטע יאָרן זייער אָפט גערעדט וועגן אַן אָנקומענדיקער מילחמה, אָבער די כסדרדיקע פּאָליטישע קריזיסן, וועלכע זיינען הויפּיק געווען אַ מאָטיוו פאַר גרויסער זאָרג, זיינען ביי יעדן מאָל אויסגעגלייכט געוואָרן אויף אַ פרידלעכן אופן. דאָס האָט גורם געווען, אַז דער רוב מענטשן האָט שוין נישט געגלייבט אין דער אוממיטלבאַר סכנה פון קריג. און טאַקע אָט־די גרינגשעצונג פון דער סכנה איז אפשר געווען דאָס גרעסטע אומגליק. באַשטענדיקע סטראַשונקעס פאַרלירן מיט דער צייט זייער איינפלוס און מוזן פאַרביטן ווערן דורך אַנדערע מיטלען. מ'שפּילט זיך, ווי קראַפּאָטקין האָט געזאָגט, אַזוי לאַנג מיטן פייער, ביז מ'קאָן עס, לסוף, מער נישט באַהערשן, צוימען. די מורא איבערראַשט צו ווערן פון אַנדערע פירט נויטיקערווייז צו דער איבערצייגונג, אַז מ'מוז פריער איבערראַשן די אַנדערע, ביכדי צו האָבן דעם פאָרצוג אויף דער אייגענער זייט. פונדעסטוועגן זיינען די קומענדיקע חדשים אַריבער גאַנץ רואיק און געגעבן ווייניק מאָטיוון פאַר מורא.

אָבער מיטאַמאָל האָבן די צייטונגען געבערענגט די סענסאַציאָנעלע ידיעה, אַז דער דייטשער רייכסטאַג האָט אין אָקטאָבער 1913 סאַנקציאָנירט דאָס אַזויגערופענע פאַרטיידיקונגס־געזעץ, לויט וועלכן די אַרמיי איז פאַרגרעסערט געוואָרן מיט נאָך 135.000 מאַן. אָט־דאָס אויסערגעוויינלעכע מיטל אין אַ צייט, ווען אייראָפּע איז געווען באַהערשט פון אַ שווערער פּאָליטישער שפּאַנונג, האָט טאַקע נישט פאַרפעלט צו האָבן זיין ווירקונג. אומעטום איז געווען צו מערקן אַ גרויסער אומרו, ספּעציעל אין פראַנקרייך, וווּ די מורא פאַר אַ דייטשן איבערפאַל איז שוין פון לאַנג געוואָרן אַזאַ מין לאַטענטער צושטאַנד. באַלד נאָך אָט־דער נייער פּראָוואָקאַציע האָט דער פראַנצויזישער פּאַרלאַמענט באַוויליקט דער רעגירונג אַ היפּשע סומע פאַר דער פאַרגרעסערונג פון דער אַרמיי, אַן אויסגאַבע, וועלכע האָט געדאַרפט געדעקט ווערן דורך אַ נייעם פּראָגרעסיוון הכנסה־שטייער. אויך רוסלאַנד האָט באַלד נאָכדעם פאַרגרעסערט איר אַרמיי.

פון דעמאָלסט אָן זיינען די פּערספּעקטיוון פאַר א פרידלעכן אויסגלייך אַלץ שוואַכער געוואָרן. אין ענגלאַנד האָט יעדער איינער געפילט די וואַקסנדיקע אומזי־כערקייט אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט, ווען אפילו דער רוב מענטשן האָט נאָך אַלץ נישט געוואָלט גלייבן אין אַן אוממיטלבאַרער מילחמה־סכנה. ס'ווייזט זיך כימעט אויס, אז מיט דער וואַקסנדיקער סכנה וואַקסן אויך די אילוזיעס פון די מענטשן, מחמת זיי זיינען די איינציקע, אין וועלכע זיי קאָנען קלאַמערן זייערע האָפענונגען. די קומענדיקע חדשים האָבן אפילו נישט געבראַכט קיין נייע איבערראַשנדיקע געשעענישן, אָבער די שטימונג איז סיי־ווי געוועזן א געדריקטע און אין די בעסער אינפאָרמירטע קרייזן פון דער ענגלישער געזעלשאַפט איז שוין דעמאָלסט געווען קלאָר, אז אָט־די פאַרדעכטיקע שטילקייט איז נישט עפּעס אַנדערש ווי א שטילקייט פאַר דעם שטורעם.

# מאַלאַטעסטאַס גליקלעכע אַנטלויפן פון איטאַליע

בעת די ערשטע טעג פון יולי 1914 האָט מיך מאַלאטעסטא באַזוכט אין לאָקאַל פון אונדזער בלאַט. ער איז נאָר־וואָס געהאַט אָנגעקומען קיין לאָנדאָן און אונדז אַלעמען אַראָפּגענומען אַ שווערן שטיין פונעם האַרץ, ווייל מיר האָבן זיך געשראָקן פאַרן ערגסטן, וואָס קאָן מיט אים פּאַסירן. מאַלאַטעסטאַ האָט געהאַט אַן אַקטיוון אָנטייל אין די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פון דער רויטער וואָך אין אַנקאָנאַ, אין יוני 1914. נאָכן דורכפאַל פון דער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ גענעראַלשטרייק און זיך באַלד פאַרוואַנדלט אין אַן אָפענעם אויפשטאַנד, איז ער אַרומגעזוכט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד פון אַ גאַנצער אַרמיי פּאָליטישע שפּיאָנען. די צייטונגען האָבן שוין עטלעכע מאָל געהאַט געבראַכט ידיעות וועגן זיין אַרעסט, וועלכע זיינען אָבער באַלד נאָכדעם אָפּגעלייקנט געוואָרן. נאָכדעם איז געקומען די ידיעה, אַז ער איז אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין דער קליינער רעפּובליק סאַן מאַרינאָ, אָבער אַז דאָסדאָזיקע קליינע לענדעלע איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט געוואָרן פון איטאַליענישע זשאַנדאַרן און אַז די איטאַליענישע רעגירונג האָט שוין געפאָדערט אים איבערצוגעבן אין אירע הענט. ס'איז שוין, האָט עס געהייסן, נישט מעגלעך געווען פאַר אים זיך אַרויסצודרייען. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מאַלאַטעסטאַ איז גאָר אייניקע טעג געווען אויסבאַהאַלטן אין אַנקאָנאַ גופא און דערנאָך איז ער אויף פאַרשידענע אומוועגן אָנגעקומען צו דער שווייצאַרישער גרענעץ, וועלכע ער האָט באַוויזן אַריבערצוגיין פאַרשטעלט ווי אַ פּויער, בעת מ'האָט אים נאָך אַלץ אַרומגעזוכט אין גאַנץ איטאַליע. נאָך אַ קורצן אויפהאַלט ביי צוטרוילעכע חברים אין גענף האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין ענגלאַנד.

איך האָב שוין געהאַט באַקומען די ידיעה וועגן זיין אָנקום און זיך, געפרייט פונעם גאַנצן האַרץ, צו האָבן פאַר זיך דעם אַלטן פריינט אין בעסטן צושטאַנד. ער האָט מיך האַרציק אַרומגענומען און איז געווען אין אַן אויסגעצייכנטער שטימונג, צו וואָס ער האָט, אגב, געהאַט גענוג מאָטיוון. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב ערריקאָן געזען אָן אַ באָרד, וועלכע ער האָט אין איטאַליע געמוזט אויפברענגען פאַר אַ קרבן. מער ווי אַ יאָר צייט ווי מיר האָבן זיך נישט געזען, ווייל אין מאַי 1913 האָט מאַלאטעסטא זיך געקאָנט אומקערן קיין איטאַליע, נאָך זיין לאַנגן גלות אין ענגלאַנד. זיין אָנקום אינעם היימלאַנד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אמתער טריומפפּרייזע, ווייל ס'איז אין איטאַליע מיסתמא נישט געווען נאָך אַ מענטש,

צו ווען מ׳זאָל אין ווייטע און ברייטע שיכטן פונעם פאָלק ארויסווייזן אַזוי פיל אומבאגרענעצטן צוטרוי. מאַלאַטעסטאַ האָט פון זיין פריסטער יוגנט אָן געטומען אַן אַנגעזעענעם אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון זיין לאַנד און זינט באַקונינס צייטן און די צייטן פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל האָט ער געווידמעט זיין גאַנץ לעבן פאַר דער באַפרייונג פונעם פאָלק, זיך נישט אָפּשרעקנדיק פאַר קיין שום קרבן און זיך נישט אָפּשטעלנדיק פאַר קיין שום איינשטעלעניש. אַרום זיין נאָמען האָט זיך אַרומגעלייגט אַ גאַנצע לעגענדע, וועלכע האָט אים פאַרוואַנדלט אינעם סימבאָל פון אַלע שטרעבונגען פאַר אַ בעסערער צוקונפט. נישט נאָר אונ־דזערע אייגענע בלעטער, נייערט די גאַנצע רעפּובליקאַנישע, סאָציאַליסטישע און אַנטיקלעריקאַלע פּרעסע האָט באַגריסט דעם מוטיקן בונטאַר מיט לויב־אַרטיקלען און אים אַקעגנגעטראָגן אַ האַרציקן ברוך הבא אין זיין היימלאַנד, פון וועלכן ער האָט אַזוי לאַנג געמוזט לעבן דערווייטערט. בעניטאָ מוסאָליני, וועלכער איז דע־מאָלסט געווען דער שעפרעדאַקטאָר פון „אַוואַנטי״, דעם הויפּט־אָרגאַן פון דער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט אים געווידמעט די גאַנצע ערשטע זייט, און אים אַרויס־געשטעלט ווי דעם געטרייסטן קעמפער פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

איטאַליע האָט זיך דעמאָלסט געפונען אין אַן ערנסטן פּאָליטישן קריזיס. די שטימונג אין פאָלק איז כסדר געוואָרן אַלץ אומרואיקער און דער רעגירונג געגעבן אַ מאָטיוו פאַר גרויסער זאָרג. די נאָכווייעניש פונעם קריג אין טריפּאָלי, וועלכער האָט צווישן ברייטע שיכטן פונעם איטאַליענישן פאָלק אַרויסגערופן גרויס אומצו־פרידנקייט, זיינען געוואָרן אַלץ שטאַרקער און פילבאַרער און דערפירט צו אַ גרוי־סער צאָל אַנטימיליטאַריסטישע מאַניפעסטאַציעס אינעם לאַנד. האָט זיך פאַר מאַלאַ־טעסטאַן אָנגעהויבן אַ צייט פון אַקטיווער טעטיקייט. אין יוני 1913 האָט ער אין אַנקאָנאַ געגרינדעט אַן אייגענע צייטונג מיטן כאַראַקטעריסטישן נאָמען „וואָלאָנטאָ״ (ווילן). ער האָט אויף אירע שפּאַלטן זייער געלונגען אָנגעפירט די פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער אידעע וועגן אַ גרופּירונג פון אַלע רעוואָלוציאָנערע כוחות פונעם לאַנד, בכדי נישט צו דערלאָזן צו קיין קאָנצענטראַציע פון דער רעאַקציע און אָנצוהאַלטן אין פאָלק לעבעדיק דעם געדאַנק וועגן אַ פּראָטעסט־באַוועגונג. די צייטונג האָט באַהאַנדלט מיט דער לויטערער קלאָרקייט, ווי דאָס איז געווען אייגנטימלעך פאַר מאַלאַטעסטאַן, אַלע ענינים, וועלכע זיינען דעמאָלסט געווען אַקטועל, און ער האָט ביי יעדער געלעגנהייט באַטאָנט די נייטיקייט פון אַ בשותפותדיקער צוזאַמענאַרבעט, בכדי צו דערגרייכן פּראַקטישע רעזולטאַטן. אין דערזעלביקער צייט איז ער אַרומ־געפאָרן איבערן גאַנצן לאַנד און גערעדט אויף אומצייליקע פאַרזאַמלונגען, אומעטום אויפטרייסלענדיק און רופנדיק צום קאַמף.

פאַקטיש איז די דעמאָלסטיקע לאַגע אין איטאַליע געווען אַזוי ערנסט, אַז אַ סך האָבן געמיינט, אַז ס׳האַלט ערב דעם פאַלן פון דער מאָנאַרכיע. אויף דעם האָט בולט אָנגעוויזן די האַלטונג פונעם קאָנגרעס פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, וועלכער האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען פון 16טן ביזן 18טן מאַי 1914 אין באָלאָ־ניע, אויף וועלכן מאַלאַטעסטאַ איז אויך געווען ווי אַ צוהערער. די רעפּובליקאַנישע

רעדנער האָבן דאָרט קלאָר און דייטלעך אונטערגעשטראָכן, אז ס'האַלט אין אָנקומען אַ רעוואָלוציע און אז זייער פּאַרטיי דאַרף זיך פאַרבינדן מיט די אַנאַרכיסטן, סינדיקאַליסטן און אַנדערע קעגנער פון דער מאָנארכיע, כּדי צו זיין צוגעגרייט פאַר די קומענדיקע געשעענישן. חוץ דעם האָט זיך דער קאָנגרעס ענערגיש אַרויסגעשטעלט פאַר דער באַפרייונג פון אַוגוסטאָ מאַססעטטי, איינער פון די העלדישע זעלנער, וועלכער האָט אַזוי מוטיק פּראָטעסטירט קעגן דעם קריג אין טריפּאָלי, און פאַר אַלע אַנדערע קרבנות פונעם מיליטאַריזם, וועלכע זיינען ביסלעכווייז אומגעקומען אין די תּפיסות, שטראָפקאָמפּאַניעס און משוגעים־הייזער. ס'איז דעריבער נישט געווען קיין גליקלעך־אויסגעוויילטער טאָג פאַר דער מאָנאַרכיע, ווען זי האָט זיך געגרייט צו פייערן דעם ערשטן זונטיק פון יוני 1914 דעם יאָרטאָג פון דער איטאַליענישער קאָנסטיטוציע מיט אַן אַלגעמיינעם יום־טוב אין גאַנצן לאַנד און אין אַלע גרעסערע שטעט איינציטיק דורכפירן מיליטערישע פּאַראַדן.

די אַרויסגעבער פון „וואָלאָנטאַ" האָבן תּיכּף אויסגענוצט די געלעגנהייט, כּדי אויפצופאָדערן, אַז ס'זאָלן דעמזעלביקן טאָג דורכגעפירט ווערן קעגנדעמאָנסטראַציעס אין גאַנצן לאַנד, כּדי צו ווייזן די מאָנארכיסטישע מושלים, אַז דאָס פאָלק האָט נישט קיין שום שייכות מיט דער מאָנארכיסטישער פייערונג. דידאָזיקע לאָזונג האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט ווי אַ וואַלדפייער. ווען ס'האָבן זיך דעריבער אינעם טאָג פונעם געפּלאַנטן קאָנסטיטוציע־יום־טוב באַוויזן אין די גאַסן פון אַלע גרעסערע שטעט הונדערטער טויזנטער אַרבעטער, כּדי דורכצופירן קעגנמאַניפעסטאַציעס, האָט די רעגירונג תּיכּף אָפּגעשטעלט די געמאָלדענע מיליטערישע פּאַראַדעס און געהאַלטן דאָס מיליטער קאָנצענטרירט אין די קאַזאַרמעס. מ'האָט הפּנים מורא געהאַט, אַז ביי דער דעמאָלסטיקער שטימונג אין לאַנד קאָן אַ טייל פונעם מיליטער זיך סאָלידאַריזירן מיטן פאָלק. די געשעענישן, וועלכע זיינען באַלד נאָכדעם פאָרגעקומען אין פאַבריאַנאָ, פּאַרלי און אייניקע אַנדערע שטעט, ווו זעלנער האָבן פראַטערניזירט מיטן פאָלק, האָבן טאַקע געוויזן, אַז אָט־די מורא איז נישט געווען אומבאַגרינדעט.

אין אַנקאָנאַ, ווו די רעגירונג האָט געהאַט קאָנצענטרירט גרויסע חיילות און חוץ דעם געהאַלטן אין האַפן אייניקע קריגסשיפן, האָט מען געהאַלטן די זעלנער פאַרמיטיק אין די קאַזאַרמעס. ווען ס'זיינען נאָכדעם פאָרגעקומען די ערשטע פּראָטעסטדעמאָנסטראַציעס, איז מאַאַלאַטעסטאַ פּלוצים אַרעסטירט געוואָרן, אָבער נאָך אייניקע שעה איז ער באַפרייט געוואָרן, מחמת די מושלים האָבן מיסתּמא מורא געהאַט, אַז ס'לוינט נישט צוצוגיסן קיין אייל אויפן פייער. נאָכמיטיק איז פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג אין דער ווילאַ ראָסאַ, דעם פאַריינס־בנין פון די רעפּובליקאַנער, ביי וועלכן עס האָבן גערעדט מאַלאַטעסטאַ און פאַרטרעטער פון די פאַרשידענע אַנטימאָנאַרכיסטישע ריכטונגען. ווען דער מיטינג האָט זיך געענדיקט און די מאַסע איז אַרויס אין גאַס, האָט אַ גרויסע פּאָליציייִשע אָפּטיילונג, וועלכע האָט געהאַט באַזעצט אַלע שכנישע גאַסן, געפּרווט נישט צו דערלאָזן צו קיין גאַסנדעמאָנסטראַציע. ס'איז דערביי געקומען צו שטאַרקע צוזאַמענשטויסן, ביי וואָס די

זשאַנדאַרן האָבן באַנוצט זייער פייערגעווער, געהרגעט דריי דעמאָנסטרירער און אַ געוויסע צאָל פאַרווונדעט. אין איין אויגנבליק איז די גאַנצע שטאָט געווען אין פולן ברויז. די טראַמווייען האָבן תיכף אָפּגעשטעלט זייער צירקולאַציע, אַלע קלייטן זיינען געשלאָסן געוואָרן און צומאָרגנס האָט זיך דער גענעראַלשטרייק אויסגעשפרייט ווי אַ שטורעם איבער די מאַרקעס און ראָמאַניע, ווו ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויפשטאַנד. אַנאַרכיסטן, סאָציאַליסטן און רעפּובליקאַנער האָבן געקעמפט אין פולער האַרמאָניע צווישן זיך קעגן דעם געמיינזאַמען שונא. אין די קומענדיקע טעג האָט די באַוועגונג אויך אַרומגעכאַפּט טאָסקאַנאַ און לאָמבאַרדיע. דעם 12טן יוני האָט עס אײַנדעראַמתן אויסגעזען, אַז די טעג פון דער מאָנאַרכיע זענען געציילטע און די רעוואָלוציע האָט זיך כסדר אויסגעשפרייט איבערן גאַנצן לאַנד. אין אָט־דעם מאָמענט, ווען די באַוועגונג איז דערגאַנגען צו איר העכסטן פונקט, האָט די „קאָנפעדעראַציאָנע דזשענעראַלע דעל לאַוואָראָ" פונאַנדערגעשיקט טעלעגראַפיש אַ צירקולאַר צו אַלע אירע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכן דער שטרייק איז דערקלערט געוואָרן פאַר געענדיקט און אויפגעפאָדערט די אַרבעטער אומעטום זיך תיכף אומצוקערן צו דער אַרבעט. צוליב דעם איז אַנטשטאַנען אַן אַלגעמיינע צעמישעניש; די שטרייקנדיקע אַרבעטער האָבן זיך אָנגעהויבן וואַקלען און די באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַזוי פיל האָפענונג און וועלכע האָט געהאַט פאַר זיך די בעסטע פּערספּעקטיוון, איז באַדייטנדיק אָפּגעפאַלן, שוואַכער געוואָרן און אַדאַנק דעם איז די אין אַן עת־צרה זיך געפינענדיקע רעגירונג ווידער געוואָרן האָפערדיק און באַנייס געקאָנט צונויפזאַמלען אירע פונאַנדערגעשפּרייטע כוחות.

מאַלאַטעסטאַ האָט מיר אויף אַ לעבעדיקן אופן איבערגעגעבן אָט־די אַלע פּאַסירונגען און ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז נישט געקוקט אויף דער איצטיקער מפּלה וועט די שטימונג און ברויז אין פאָלק מער נישט קאָנען איינגעשטילט ווערן און דאָס וועט בקרוב מוזן דערפירן צו נייע אויפשטאַנדן. זיין אָפּטימיזם איז פאַקטיש געווען אַן אומבאַגרענעצטער. ווען מיר זיינען דערנאָך אַריבער אויף דער טעמע וועגן דער אייראָפּעישער לאַגע און איך האָב אים איבערגעגעבן מיט וואָס פאַרא שוואַרצע פאַרבן קראָפּאָטקין זעט די נאָענטע צוקונפט, האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז לויט זיין מיינונג אַז נישט פאַראַן קיין מאָטיוו צו דענקען וועגן מילחמה, ווייל די מושלים אין אייראָפּע זיינען דאָך נישט אַזוי שמאָלקעפּיק נישט איינצוזען, אַז אַזאַ געשעעניש מוז אומבאַדינגט דערפירן צו אַ רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע, וועלכע קאָן זיי לייכט צעמאָלן אין אירע רעדער. די דערפאַרונגען, וועלכע ער האָט געהאַט במשך פון לעצטן יאָר אין איטאַליע, האָבן אים אָנגעפילט מיט אַזעלכע האָפענונגען, אַז ער האָט דער סכנה פון קריג נישט געשענקט דעם מינדסטן באַדייט און ער איז כימעט געווען פעסט איבערצייגט, אַז דווקא די אומזיכערקייט פון דער לאַגע וועט לסוף מוזן שטויסן די פעלקער צו דער איבערצייגונג איבערצונעמען זייער גורל אין די אייגענע הענט, כדי צו מאַכן אַ סוף צו דער אייביקער סכנה. דאָס יאָר, וואָס ער האָט פאַרברענגט אין איטאַליע, האָט אים אָפּגעפרישט און יינגער געמאַכט. ער האָט זיך תמיד געפילט דערדריקט און מיט אַ שווער געמיט

פון די לאַנגע יאָרן אין גלות, הגם ער איז תמיד געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די חברים אינעם היימלאַנד און זיי תמיד אינספּירירט און סטימולירט. אָבער עס האָט אים אין אויסלאַנד, ביפרט אין ענגלאַנד, געפעלט דאָס ברייטע פעלד פון אַקטי־וויטעט, וועלכעס מ׳קאָן נאָר האָבן אינעם אייגענעם לאַנד און וועמעס דוחק האָט דווקא פון אַזעלכע מענטשן ווי מאַלאַטעסטאַ, וועלכער איז לויט זיין גאַנצן טעמפּע־ראַמענט געווען גענייגט צו אַקטיווער טעטיקייט, געמוזט געפילט ווערן טאָפּלט שטאַרקער. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז דווקא דאָס יאָר, וואָס ער האָט געקאָנט פאַרברענגען אין איטאַליע, איז אויסגעפאַלן אין אַזאַ אויפגעברויזטער צייט, וועלכע האָט זיין טעטיקייט געגעבן אַזויפיל נייע אָנרעגונגען און אויף אים געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק. איך האָב אים פריער קיינמאָל נישט געזען אַזוי אָפּטימיסטיש און מיט אַזויפיל האָפענונגען ווי גראָד אין יענע טעג, ווען די שאָטנס פון דער אָנקומענדיקער קאַטאַסטראָפע האָבן זיך אַלץ מער צונויפגענומען און געוואָרן געדיכטער איבער איראָפּע.

און מיטאַמאָל, דעם 28סטן יוני, קוים צוויי וואָכן נאָך מאַלאַטעסטאַס אַנטלויפן פון איטאַליע, איז פאָרגעקומען די דערמאָרדונג פונעם עסטרייכישן טראָנפאָלגער און זיין פרוי אין סאַראַיעוואָ דורך אַ באָסנישן סטודענט. די פּאַסירונג האָט געווירקט ווי דער אויפרייס פון אַ באָמבע און די גאַנצע וועלט אַריינגעוואָרפן אין גרעסטן פּחד. אפילו יענע, וועלכע האָבן זיך ביז דעמאָלט צום שטאַרקסטן געווערט קעגן דעם געדאַנק מכוח דער מעגלעכקייט פון אַן אָנקומענדיקן קריג, האָבן איצט אָנגע־הויבן צו ווערן אומרואיק. יעדער איינער האָט געפילט, אַז די וועלט שטייט פאַר אַן אָפּגרונט, וועמעס טיפקייט קיינער איז נישט געווען אימשטאַנד אויסצומעסטן, אַרומצונעמען. די ערשטע ידיעות וועגן דעם אַטענטאַט אין סאַראַיעוואָ זיינען געווען שטאַרק צעשוווּמענע. אייניקע צייטונגען האָבן אפילו געפּרוווט צו מאַכן פונעם אַטענטאַט דעם רעזולטאַט פון אַן אַנאַרכיסטישער קאָנספּיראַציע, הגם יעדער מענטש מיט אַביסל פּאָליטישן חוש האָט אפילו פאַר קיין איין אויגנבליק נישט געקאָנט צווייפלען, אַז דאָ קאָן זיין די רייד נאָר וועגן אַן אַטענטאַט פון ריין נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער און מיט נאַציאָנאַליסטישע כוונות. דעם ערצהערצאָג פראַנץ פערדינאַנד האָט מען אין סערביע גאָר שטאַרק פיינט געהאַט, מחמת מ׳האָט אים געהאַלטן ווי דעם שעף פון דער קריגספּאַרטיי אין עסטרייך און אין דער צייט פון דער צוויי־טער באַלקאַן־מילחמה האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער אינוואַזיע פון סערביע דורך עסטרייכישע חיילות. די אינערלעכע שייכותן פונעם אַטענטאַט זיינען קיינמאָל נישט געגצלעך אויפגעקלערט געוואָרן, ווייל די אויסגעבראָכענע מילחמה האָט פאַרווישט אַלע שפּורן און די סערבישע רעגירונג האָט נישט געהאַט קיין אינטערעס קלאָר צו מאַכן דעם גאַנצן ענין.

די „פעדעראַציע פון די יידישע אַנאַרכיסטן" האָט נאָך פאַרן אַטענטאַט געהאַט צונויפגערופן אַ קאָנפערענץ אויפן 4טן יולי אין קראָון האָל, ביי וועלכער מאַלאַ־טעסטאַ און איך זיינען געווען באַשטימט ווי רעדנער. דאָס ביוראָ פונעם אַנאַרכיס־טישן אינטערנאַציאָנאַל האָט שוין געהאַט געמאַכט אַלע צוגרייטונגען פאַרן צווייטן

אינטערנאציאָנאלן אנארכיסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן, וועלכער האָט געזאָלט פאָר־קומען מיט אייניקע וואָכן שפּעטער. ווי איינער פון די סעקרעטאַרן פונעם ביוראָ האָב איך געדארפט האלטן א קורצן רעפעראַט וועגן דעם באַטייט פונעם קומענדיקן קאָנגרעס, בעת מאַלאַטעסטא האָט געזאָלט אָפּגעבן א באריכט וועגן די לעצטע געשעענישן אין איטאַליע. די קאָנפערענץ איז געוועזן זייער גוט באַזוכט און ערריקאָ איז פון די חברים באַגריסט געוואָרן מיט גרויסער באַגייסטערונג. ער האָט גערעדט לעבעדיק און איינדרוקספול און ער האָט איבערגעגעבן א גאנצן שלל פּרטים, וועלכע זיינען אין אויסלאַנד געוועזן ווייניק באַקאַנט. ביים סוף פון זיין רעדע האָט ער אויך קאָמענטירט דעם אַטענטאַט אין סאַראַיעוואָ; פון זיינע רייד איז קלאָר געוועזן אַרויס־צודרינגען, אז הגם ער האָלט די לאגע פאר זייער ערנסט, האָט ער דאָך פונדעסט־וועגן נישט געגלייבט אין דער מעגלעכקייט פון א מילחמה. זיין אומבאגרענעצטער אָפּטימיזם האָט אויף אלעמען געמאכט א שטאַרקן איינדרוק, וועלכער איז אָבער באַ־דייטנדיק אָפּגעשוואכט געוואָרן צוליב די שווערע פּאַסירונגען פון די קומענדיקע טעג.

דעם 6טן יולי האָבן די צייטונגען געברענגט אַ ידיעה, אַז דער דייטשער קייזער האָט דער עסטרייכישער רעגירונג געגעבן אַ פרייע האַנט צו טאָן מיט סערביע וואָס זי אַליין האַלט פאַר נייטיק און ער האָט דערביי באַטאָנט, אז דייטשלאנד וועט נישט אָפּזאָגן איר הילף. דורך אַט־דער אומדערהערטער פּראָוואָקאַציע איז אויפגעריסן גע־וואָרן די לעצטע בריק, וועלכע וואָלט נאָך אפשר געוועזן געקאָנט דערפירן צו אַן אינטערנאַציאָנאַלער פארשטענדיקונג. א סברא, אז די דייטשע מושלים האָבן גע־טראַכט, אַז ווען די וועלט וועט אוועקגעשטעלט ווערן פאר א געשעענעם פאקט, וועט אפשר א מעגלעכער קריג צווישן עסטרייך און סערביע קענען לאָקאליזירט ווערן; אָבער דווקא דער־אָ באַנעם האָט אַרויסגעוויזן די גאַנצע אומהיילבארע שמאָלקעפּי־קייט פון די הערשנדיקע קאַסטעס אין דייטשלאַנד. צו גלייכן, אז אין אָנבליק פון די מיליטערישע אַליאַנצן פון ביידע צדדים און פון די געהיימע אָפּמאַכן פון די רעגירונגען איז נאָך מעגלעך אָפּצושרעקן עמעצן, אין אַזעלכן צו גלייבן איז געווען אַ פּשוטער אַבסורד.

דעם 23טן יולי האָט די עסטרייכישע רעגירונג אָפּגעשיקט צו סערביע איר באַקאַנטן 48־שעהדיקן אולטימאַטום, וועלכער האָט אנטהאַלטן אַזעלכע פּאָדערונגען, וועלכע קיין שום רעגירונג האָט נישט געקאָנט אָננעמען, אויב זי וויל זיך נישט אָפּזאָגן פון זיך אַליין. פונדעסטוועגן האָט זיך די סערבישע רעגירונג, אונטערן איינ־פלוס פון רוסלאַנד, דערקלערט גרייט אָנצונעמען אַלע פּונקטן פונעם עסטרייכישן אולטימאַטום מיטן אויסנאַם פונעם לעצטן פּונקט, וועלכער האָט באַטייט אַ דירעקטער אריינמיש אין די אינערלעכע רעגירונגס־עינינים פון לאַנד. אָבער די עסטרייכישע רעגירונג האָט באטראכט פאר נישט צופרידנשטעלנדיק דאָס כימעט אומקאָנדיציאָ־נעלע נאָכגעבן און אונטערוואַרפן זיך און האָט איבערגעריסן די באַציונגען מיט סערביע דורך צוריקציען איר פארטרעטער פון בעלגראַד, נאָך וועלכן רוסלאַנד האָט מאָביליזירט איר אַרמיי. אַ לעצטער פּרווו פון דער ענגלישער רעגירונג צו באַוועגן

עסטרייך, סערביע און רוסלאַנד אָפּצושטעלן די מאָביליזאַציע און דעם קאָנפליקט איבערצוגעבן צו אַ דיפּלאָמאַטישער קאָנפערענץ, צו וועלכער ס'זאָלן אויך צוגע־צויגן ווערן פראַנקרייך, איטאַליע און דייטשלאַנד, האָט נישט באַקומען קיין אָפּ־קלאַנג. דעם 28טן יולי האָט עסטרייך דערקלערט קריג צו סערביע. באַלד צומאָרגנס האָט די דייטשע רעגירונג געשיקט אַן אולטימאַטום צו בעלגיע, אַז זי זאָל דערלויבן דעם דורכמארש פון דייטשע חיילות דורכן בעלגישן לאַנד. דעם 1טן אויגוסט האָט דייטשלאַנד דערקלערט קריג צו רוסלאַנד. דערמיט האָט זיך דער שטיין אָנגעהויבן קוילערן און דער לעצטער אָפּהאַלט איז פאַרשווונדן.

אַ דריקנדיקע שטימונג האָט אין יענע גורל־שווערע טעג געהויערט איבער לאָנדאָן און ארומגעכאַפּט אַלע איינוווינער פון דערדאָזיקער ריזיקער שטאָט. בלויז איין פראַגע איז געלעגן אויף אַלעמענס ליפּן, די איינציקע פראַגע: צי וועט עס טאַקע קומען צו אַן אַלגעמיינער מילחמה אָדער נישט? מ'האָט נאָך אַלץ געהאָפט, ווען אַפילו אָן יעדער לאָגיק, אַז אפשר וועט דאָך אין לעצטן מאָמענט נאָך געפינען ווערן אַן אויסוועג! אָבער דער אָנהויב פונעם דונערן פון די קאַנאָנען אויפן קאָנ־טינענט האָט גאָר באַלד געמאַכט אַ סוף צו אַלע אילוזיעס און דייטשע חיילות האָבן זיך געגרייט אריינצורייסן קיין בעלגיע, אָן איינזעעניש אויפן שטיקל פּאַפּיר, אין וועלכן ס'איז פייערלעך אָנגעצייכנט געוואָרן די נייטראַליטעט פונעם קליינעם לאַנד. אָבער אַפילו דעמאָלט האָבן נאָך אַ סך מענטשן געגלייבט, אַז ענגלאַנד וועט נאָך געפינען אַן אויסוועג, ביכדי זיך נישט צו מוזן דירעקט באַטייליקן אינעם קריג.

נישט געקוקט אויף דער סיסטעמאַטישער העצע פון דער היפּערפּאַטריאָטישער פּרעסע, וועלכע איז שטאַרק אונטערגעשטיצט געוואָרן פון אַזעלכע באַקאַנטע סאָ־ציאַליסטן ווי היינדמאַן און בלאַטשפאָרד, האָט אָבער צווישן די ברייטע מאַסן פון ענגלישן פאָלק איבערגעוויגן די שטימונג פאַר פרידן. זי איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דער גרויליקער ידיעה וועגן דער דערמאָרדונג פונעם פראַנצויזישן סאָציאַליסט זשאַן זשאָרעס, וועלכער האָט זיך ביז צום סוף אַרויסגעשטעלט פאַרן שלום.

זונטיק, דעם2טן אויגוסט, איז אין טראַפאַלגאַר־סקווער פאָרגעקומען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע קעגן קריג, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער אומאָפּהענגי־קער לאַבאָריסטישער פּארטיי און איז געוועזן געשטיצט פון אנדערע סאָציאַליסטישע גרופּן און פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. און הגם מילחמה־גיריקע שאָוויניסטן, וועלכע זיינען דאָרט געווען פונאַנדערגעטיילט אין קליינע גרופּן, האָבן אייניקע מאָל געפּרוווט אויפצורייסן דעם מיטינג, זיינען זיי אָבער פון די פאַרזאַמלטע מאַסן אויף גיך איינגעשטילט געוואָרן און די דעמאָנסטראַציע האָט געקאָנט דורכגעפירט ווערן ביז צום סוף אָן ערנסטע צווישנפאַלן.

נאָכן מיטינג האָב איך אין טראַפאַלגאַר־סקווער געטראָפן טאַררידאָן און טשער־קעסאָוון. ביידע זיינען געווען זייער ערנסט און זיך געשראָקן פאַרן ערגסטן. טאַר־רידאָ האָט מיך געפרעגט מיין מיינונג, צי ס'איז אפשר מעגלעך, אַז די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטיע זאָל אין לעצטן מאָמענט דאָך עפּעס טאָן, אָנהייבן עפּעס אַן

אַקציע, צו וועלכער זי איז דירעקט פארפליכטעט דורך דער פאַרגעקומענער פאַר־גוואלדיקונג פון בעלגיע. איך האָב אים געענטפערט, אז וועגן אזא מעגלעכקייט קאָן מען שוין היינט אפילו נישט טראַכטן, ביפרט, ווען מ׳נעמט אין באַטראַכט דעם אומשטאַנד, אז די דייטשע אַרבעטערשאַפט איז קיינמאָל נישט דערצויגן געוואָרן פאַר אַזעלכע טעטיקייטן און זי שטעקט פון קאָפּ ביז די פיס אינעם פאַרלאַמענטאַ־ריזם. „אין בעסטן פאַל״, האָב איך געזאָגט, „וועלן די סאָציאַליסטן אינעם רייכסטאָג שטימען קעגן די קריגס־קרעדיטן, אָבער אפילו דאָס אליין איז אויך נאָך אין ספק״. ס׳איז מיר דעמאָלסט נישט איינגעפאלן, אַז אַפילו מיינע ערגסטע ספיקות זיינען ווייט נישט דערגאַנגען צו דעם, וואָס ס׳האָט אינדעראמתן פּאַסירט.

„אויב אזוי״, האָט טאַרידא זיך אויסגעדריקט, „איז דאָך שוין לגמרי נישטאָ קיין שום האָפענונג, מחמת ס׳איז שווער צו דערווארטן, אז די פראַנצויזישע און בעלגישע אַרבעטער זאָלן אַרויסטרעטן קעגן דער מילחמה, אויב ס׳וועט נישט פאַר־קומען אַן ענלעכע אקציע אויך אין דייטשלאַנד״.

טשערקעסאָוו האָט צוגעגעבן, אז די אַלגעמיינע לאגע ווערט נאָך מער באווירקט דורכן אומשטאַנד, וואָס רוסלאַנד קעמפט אויף פראַנקרייכס זייט. דורך דעם, האָט ער געמיינט, וועט די לאָזונג: „דעמאָקראַטיע אָדער מיליטאַריזם״ באַקומען א שלעכטן בייגעשמאַק, וועלכער וועט אַרויסרופן אומצוטרוי.

איך האָב אים צוגעגעבן רעכט, אָבער איך האָב אים אָנגעמערקט, אז דייטש־לאַנד איז היינט א פיל גרעסערע געפאַר פאַר אייראָפּע ווי רוסלאַנד.

מיר זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען שטאַרק פאַרזאָרגט, מיט א שווערן געמיט וועגן דער נאָענטסטער צוקונפט. איך בין געווען פעסט איבערצייט, אז ענגלאַנד וועט אָנטיילנעמען אין דער מילחמה, הגם די ליבעראַלע פרעסע האָט זיך נאָך אַלץ אַרויס־געשטעלט פאַר דער נייטראַליטעט. צומאָרגנס נאָך דער דעמאָנסטראַציע אין טראַ־פאַלגאַר־סקווער האָט דייטשלאַנד דערקלערט קריג צו פראַנקרייך. דעם 4טן אויגוסט איז געקומען ענגלאַנדס קריגסדערקלערונג צו דייטשלאַנד. דער גורל איז שוין געווען אַנטשידן. קיינער האָט איצט נישט געקאָנט אַרויסזען, ווי אזוי די נאָענטע צוקונפט וועט זיך אויסגעשטאַלטיקן.

מיט אייניקע טעג שפּעטער בין איך מיט מילין ווידער געקומען אין טראַפאלגאַר־סקווער: האָט דער צופאַל געוואָלט, אַז פּונקט דעמאָלט האָבן דאָרט פאַרביימאַר־שירט צו דער סטאַנציע וואַטערלאָ די ערשטע חיילות, וועלכע זיינען געווען באַ־שטימט אָפּגעשיקט צו ווערן קיין אייראָפּע. דאָס איז געווען אַ לאַנגער צוג פון יונגע, קרעפטיקע בחורים, וועלכע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו אַן אומבאַקאַנטן גורל. אַ טיף־שווערע ערנסטקייט איז געלעגן אויף אַלעמענס פּנימער. אויף ביידע זייטן פון דער גאַס זיינען געשטאַנען געדיכטע־צונויפגעקוועטשטע מאַסן און נישט אַרויס־רעדנדיק קיין וואָרט געקוקט אויף די פאַרביימאַרשירנדיקע. מיטאַמאָל זיינען פון דער ריכטונג פון טשאַרינג קראָס אַרויסגעקומען צוויי אָפענע אויטאָמאָבילן, וועלכע זיינען פון אויבן ביז אַראָפּ געווען אַרומגעהאַנגען מיט „יוניאָן דזשעקס״־פענדלעך און זיי האָבן זיך פּאַמעלעך געעפנט א וועג צו דער דרומדיקער זייט פונעם סקווער.

אַכט אָדער צען גוט געקליידטע הערן, וועלכע זיינען געזעסן איןביידע אויטאָמאָבילן, האָבן זיך אויפגעשטעלט, און ווען זיי האָבן דערזען די פאַרביימאַרשירנדיקע חיילות, האָבן זיי געפאָכעט מיט קליינע פענדלעך און געוואָלט באַוועגן די ארומשטייענדיקע צו זינגען „רול בריטיין״. אָבער די האַוואַיעס פון אָט־די נעבעכדיקע טיפּשים האָט נישט געהאַט קיין אָפּקלאַנג ביי דער טויזנטקעפּיקער מאַסע. האָבן זיי באַלד אָפּגע־שטעלט דאָס געזאַנג און זיך אויף גיך דערווייטערט פונעם פּלאַץ, און אַרום האָט ווידער געהערשט אַן אומהיימלעכע שטילקייט, פון וועלכער מ׳האָט בלויז אַרויס־געהערט דעם אָפּהילך פון די שווערע זעלנערישע שטיוול אויפן ברוק. ס׳האָט אָפּגע־קלונגען ווי דאָס פאַלן פון פייכטער ערד אויף די דינע ברעטער פון אַ טרומנע.

פאַר מיר האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון א שווערער געמיט־שטימונג. איך האָב בפירוש פאַרויסגעזען, אז די שווערע האַרעוואַניע פון אַזוי פיל יאָרן איז אויסגעשטעלט צו דער צעשטערונג. די סאָציאַליסטישע אַרבעטערבאַוועגונג האָט מיאוס פאַרזאָגט, באַנקראָטירט אין אַ צייט, ווען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר איירא־פּעס נאָענטער צוקונפט איז אינגאַנצן געווען איבערגעענטפערט אין אירע הענט. די פּוסטע פראַזעאָלאָגישע רעדעס און באשלוסן פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן זיינען געווען בלויז טומל און רויך, טעאַטער־פייער, וועלכעס האָט נישט געקאָנט אַרויסרופן קיין פונקען פון ווידערשטאַנד. אַלע פראַזן וועגן פעלקער־פאַרברידערונג און אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט האָבן פאַרלוירן יעדן באַטייט לגבי אָט־דער גרויליקערווירקלעכקייט און איר שרעקלעכן איינפלוס פאַר דער צוקונפט.

פונדעסטוועגן איז אפילו אויף דעמאָלסט געווען קליין די צאָל פון די, וואָס האָבן פאַרשטאַנען ווי עס געהער צו זיין די גאַנצע ערנסטקייט פון דער סיטואַציע. דער רוב האָט נאָך אַלץ געלעבט מיט דער נאַרישער האָפענונג, אַז דעם קריג וועט זיין באַשערט צו האָבן אַ שנעלן סוף. און כדי צו באַגרינדן אָט־די מיינונג, איז מען אַרויסגעקומען מיט אַלערליי אַרגומענטן. ראשית־כל האָט מען זיך געשטיצט אויף דער צעשטערנדיקער ווירקונג פון די מאָדערנע וואָפן און אויפרייסשטאָפן און בעיקר אויף די קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען, וואָס אַ מאָדערנע מילחמה שטעלט צו די פּראָ־דוקטיווע און פינאַנציעלע כוחות פון די לענדער. כימעט אלע זיינען געווען אייניק צווישן זיך, אַז קיין שום לאַנד וועט נישט קאָנען אויסהאַלטן מער ווי בלויז עטלעכע חדשים אַזאַ שווערע באַלאַסטונג אויף זיין עקאָנאָמישער לייסטונג־פעיקייט. ווי אַזוי איך אַליין האָב דעמאָלסט באַנומען די לאַגע, ווייזט אַן אַרטיקל, וועלכן איך האָב פאַרעפנטלעכט דעם 7טן אויגוסט 1914 אין „אַרבייטער־פריינד״ און פון וועלכן איך נעם אַרויס אָט־די שטעל:

„די אַרבעטער זיינען געווען דער איינציקער קלאַס, וועלכער האָט געקאָנט שטערן אָט־דעם גרויליקן צוריקפאַל אין דער בלוטיקער באַרבאַריע. אָבער זיי האָבן נישט געזען די סכנה און האָבן צעשפּליטערט זייערע כוחות מיט טויזנט נישטיקייטן אין אַ צייט, ווען די קעניגן פון דער פינאַנצוועלט און די פעלשער פון דער עפנטלעכער מיינונג האָבן געאַרבעט מיט דער גאַנצער פּאַרע, ביכדי צו דערפירן איירָאָפּע צום אָפּגרונט. אַ ריזיקע דעמאָנסטראַ־ציע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטערשאַפט פאַרן אויסברוך פונעם קריג און דער

פעסטער, אומצעטרייסלבאַרער ווילן אויסצונוצן אַלע מיטלען, וועלכע דער אַרבעטערקלאַס, ווי דער באַשעפער פון אַלע רייכטימער, האָט אין זיין רשות, ביכדי צו מאַכן אַ שטריך אינעם חשבון פון די טונקעלע פּלענער פון די אימפּעריאַליסטישע בלוטפּאָליטיקער, וואָלטן געוועזן געקאָנט אויסהיטן די וועלט פון דער קאַטאַסטראָפע. אָבער איצט איז שוין צו שפּעט. אייראָפּע שטייט שוין אונטערן צייכן פונעם רויטן שיגעון און די אַרבעטערשאַפט פון די מילחמה־פירנדיקע לענדער וועט געשטראָפט ווערן מיט שלאַנגען און עקדישן פאַר איר זאָרגלאָזיקייט און פחדנותדיקן קווענקלען זיך אין דער שעת הכושר, ווען אַלעס האָט נאָך געקאָנט געראַטעוועט ווערן. זאָל זיך קיינער נישט פאַרוויגן מיט דער פאַלשער איינרעדעניש, אַז אָט־די מילחמה וועט זיין א קורצדויערנדיקע. דער פאַרמעסט איז אַ צו הויכער; עס שטייט דאָ צופיל אין קאָן. דאָס איז אַ געראַנגל פאַר דער אויבערהערשאַפט אין אייראָפּע און אויף דער וועלט. און ער וועט אויסגעפאָכטן ווערן ביז צום סאַמע סוף. מיר זיינען אַריין אין אַ תקופה פונעם צעברויזטן מאַסנמאָרד, וואָס אַזעלכן האָט נאָך די וועלט ביז איצט קיינמאָל נישט דורכגעלעבט. אַלע מילחמות פונעם עבר וועלן פאַרבלאַסט ווערן ווי א קינדערשפּיל לגבי דעם טויטנטאַנץ, וועלכער האָט זיך איצט צעהוליעט איבער אייראָפּע. קיינער ווייסט נישט, וואָס עס דערוואַרט אונדז. יענע פון צווישן אונדז, וועלכע וועלן איבערלעבן אָט־די עפּאָכע פונעם מאַסן־שיגעון און פונעם רויטן טויט, וועלן האָבן צו דערציילן וועגן אַזעלכע איבערלעבענישן, וואָס ביז אַהער האָט נאָך אַ מענטשלעך אויער אַזעלכעס נישט געהערט. ס׳קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז מ׳וועט אַמאָל האַלטן פאַר גליקלעך יענע, וועמעס צעריסענע און צעפּיצלטע אברים האָבן פעט געמאַכט אייראָפּעס ערד, דערפאַר וואָס דער טויט האָט זיי אויסגעלייזט פון די פחדימדיקע געדעכענישן אין יענע גיהנומדיקע בילדער, וועלכע וועלן הויערן ווי אַ מאוימדיקער באַרג אויף די נשמות פון די איבערלעבנדיקע".

## די צייט פאַר מיין אַרעסט

איניגע וואָכן נאָכן איבערוך פונעם קריג האָט זיך אָנגעהויבן אין ענגלאַנד די רעגיסטרירונג פון די פיינטלעכע אויסלענדער. די געלע פּרעסע האָט פּאַקטיש גע־צוווּנגען די רעגירונג עפּעס צו טאָן אין אָט־דער ריכטונג. אַזעלכע בלעטער ווי „דאַילי מייל", „עווענינג ניוס", „דזשאָן באָל", „דאַילי עקספּרעס" א.א.וו. האָבן זיך איינע די אַנדערע פּאַקטיש איבערגעיאָגט אין זייערע גראָטעסקע דערפינדונגען און אומגלויבלעכע חשדים קעגן די אין לאַנד וווינענדיקע דייטשן, פון וועלכע דער גרעס־טער רוב האָט באַלאַנגט צום אַרבעטער־שטאַנד. אומעטום האָט מען אַנטדעקט דייטשע שפּיאָנען און געפערלעכע קאָמפּלאָטן. אַזוי האָבן אַרבעטזאַמע פענקנעכט געוווּסט צו דערציילן וועגן דייטשע בעקער, וועלכע האָבן געזאָלט האָבן אַריינגע־מישט אַרסעניק אינעם ברויט, אָדער וועגן אַ פאַרשווערונג פון די דייטשן צו פאַר־סמען דאָס וואַסער פון דער לאָנדאָנער וואַסערלייטונג. אין איינעם אַ טאָג האָט מען געקאָנט לייענען אין אַלע צייטונגען, אַז אַדאַנק דער שאַרפזיניקייט פון דער פּאָליציי איז געלונגען אין אַ דייטשן קלוב צו אַנטדעקן אַ גאַנצן לאַגער מיט געווער. דער קלוב, וועגן וועלכן ס'האָט זיך געהאַנדלט, איז מערקווירדיקערווייז געווען די צווייטע סעקציע פונעם „קאָמוניסטישן אַרבייטער בילדונגס־פאַריין". די אַלטע מיטגלידער פונעם קלוב זיינען געווען פּאָליטישע פּליטים, וועלכע זיינען נאָך אין דער צייט פונעם „סאָציאַליסטן־געזעץ" פאַרוואָרפן געוואָרן קיין ענגלאַנד. ס'איז טאַקע דערווי־בער געווען אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס דווקא אויף אָט־דעם קלוב איז געפאַלן אַזאַ חשד. אָבער וועלכע ס'איז אַנאָנימע מסירה איז אין יענער היסטערישער צייט גענוג געווען, כּדי צו מאַכן באַוווּגן דעם אָרעם פונעם געזעץ. האָט זיך אין אַ געוויסן טאָג באַוויזן די פּאָליציי, כּדי דורכצופירן אַ גרינטלעכע רעוויזיע אינעם לאָקאַל פונעם „ק. א. ב. פ." האָט מען טאַקע ביי דערדאָזיקער געלעגנהייט געפונען דריי אָדער פיר אַלטע ביקסן, וועלכע האָבן, אגב, נישט געהאַט קיין שלעסער און לויט זייער אויסזען האָבן זיי זיכער געקאָנט שטאַמען פון דער צייט פונעם דרייסיקיעריקן קריג. דער ק.א.ב.פ." האָט געהאַט אַ קליינע בינע פאַר ליבהאָבער־שפּילער און די געפונענע „מאָרד־אינסטרומענטן" האָבן באַלאַנגט צום טעאַטער־רעקוויזיט פונעם פאַריין. אפילו די געהיימאַגענטן האָבן מיסתמא האַרציק געשמייכלט פון דער גרוי־סער מציאה, וואָס זיי האָבן געפונען. אָבער דער צוועק פון דער רעוויזיע איז דער־גרייכט געוואָרן. די פּרעסע איז געווען אימשטאַנד צו ברענגען אַ ידיעה וועגן דער

אַנטדעקונג פון אַ געהיימען סקלאַד מיט געווער אין סאַמע צענטער פון דער הויפּט־שטאָט און אויפּטרייסלען אירע לייענער. וועגן א רעקטיפיקאציע קלאָר צומאַכן די לאַגע איז נאטירלעך נישט געווען וואָס צו רעדן.

די־אָ סיסטעמאַטישע פאַרגיפטונג פון דער עפנטלעכער מיינונג האָט טאַקע דערגרייכט איר צוועק. ס'איז דאָך באמת אומהיימלעך צו באַאָבאַכטן, ווי לייכט אַ גאַנץ פאָלק לאָזט זיך דערפירן צו אַ צושטאַנד פון פּאַניק דורך געוויסנלאָזע חשדים פון ליטעראַרישע גזלנים. אין סאַמע העלן טאָג האָט מען אומעטום געזען גע־שפּענסטער. דער אַלגעמיינער אומצוטרוי האָט טיילמאָל אָנגענומען גראָטעסקע פאַר־מען און צומאָלס אַרויסגעבראַכט אַן אמתע פּאָגראָם־שטימונג. די שרייענדיקע „קעפּ־לעך״ פון דער געלער פּרעסע "Watch your German neighbour!" — האַלט אַן אויג אויף דיין דייטשן שכן! — האָבן דעם דורכשניטלעכן שפּיזבירגער בפירוש פאַרפליכטעט צוצוטראָגן זיין חלק צו שיצן דאָס לאַנד פון דראָענדיקע אומגליקן. ביי אַזעלכע אומשטענדן איז די רעגירונג פּשוט געווען געצוווּנגען אָנצונעמען מיטלען, ביכדי צופרידנצושטעלן די שטימע פונעם פאָלק. די רעגיסטראַציע פון די פיינטלע־כער אויסלענדער איז בלויז געווען דער ערשטער פּרווו, אָבער איך האָב בולט גע־פילט, אַז דער שווערער סוף וועט לאַנג נישט לאָזן וואַרטן אויף זיך. ווי מ'האָט עס געקאָנט פאַרויסזען, האָט זיך די היפּערפּאַטריאָטישע פּרעסע נישט צופרידנגע־שטעלט מיט די פאַראָרדענונגען פונעם ליבעראַלן מיניסטעריום; נאָך מער: זי האָט אויסגענוצט זיין נאָכגעביקייט, ביכדי אָנצוהייבן אַ גרענעצלאָזע העצע. איך האָב דייטלעך געזען, אַז די טעג פון מיין פרייהייט זיינען געציילטע און איך האָב דערי־בער געמאַכט אַלע צוגרייטונגען, ביכדי נישט איבערראַשט צו ווערן פון די פּאַסי־רונגען.

איך בין זינט א סך יאָרן געווען דער בוכהאַלטער פונעם „אַנאַרכיסטישן רויטן קרייץ״, אַן אינטערנאַציאָנאַלע אינסטיטוציע, וועמעס אויפגאַבע ס'איז געווען צו שטיצן מיט קליינע געלט־סומעס די חברים, וועלכע האָבן געשמאַכט אין די תפיסות פון רוסלאַנד און סיביר, און זיי צו פאַרזאָרגן מיט וויסנשאַפטלעכע ווערק פאַר זעלבסטשטודיום, ביכדי צו פאַרגרינגערן אביסל זייער אומדערטרעגלעכע לאַגע. אַ גרעסערע סומע געלט איז נאָך געלעגן אין באַנק פאַרשריבן אויף מיין נאָמען און אין פאַל פון מיין אַרעסט וואָלט עס די ענגלישע רעגירונג געקאָנט קאָנפיסקירן. איך האָב דעריבער דאָס געלט אַרויסגענומען און עס איבערגעגעבן מיין פריינט אַלעק־סאַנדער שאַפּיראָ, דעם סעקרעטאַר פון אונדזער הילפס־קאָמיטעט. חוץ דעם האָט מען געדאַרפט טראַכטן וועגן דעם, אז אין פאַל ווען איך זאָל אַרעסטירט ווערן, זאָל אונדזער בלאַט אויך אָן מיר ווייטער קאָנען אַרויסגיין, מחמת מיר זיינען געווען פעסט אַנטשלאָסן נישט אָפּצוטרעטן פריוויליק פונעם שלאַכטפעלד אונדזערן און נאָר אָפּצוטרעטן פאַר דער ברוטאַלער מאַכט, קעגן וועלכער מיר זיינען נאַטירלעך געווען מאַכטלאָז.

אַ ווונדערבאַרע סאָלידאַריטעט איז דעמאָלסט געווען צו מערקן אין אונדזערע רייען. ס'איז אויסגעקומען אַזוי גלייך ווי די ערנסטקייט פון דער לאַגע און די סכנה,

וועלכע האָט געלאָקערט אויף אונדז פון אַלע זייטן, האָט די חברים נאָך פעסטער צונויפגעבונדן צווישן זיך. נישט איינער פון אונדזערע חברים, וועלכע האָבן שוין זינט יאָרן נישט גענומען קיין אקטיוון אַנטייל אין דער באַוועגונג, האָבן זיך פּלוצים באַניים באַוויזן אין אונדזערע רייען און אָנגעבאָטן זייער דינסט פאַר דער געמיינזאַמער זאַך. באַלד נאָכן אויסברוך פון דער מילחמה איז, ווי מיר האָבן דאָס פאָרויסגעזען, אין אַ סך אינדוסטריעס אַנטשטאַנען אַן אַלגעמיינער קריזיס, פון וועלכן עס זיינען באַזונדערס שווער געטראָפן געוואָרן די אַרבעטער פון דער איסט־ענד. א סך פון אונדזערע חברים זיינען געבליבן אין גאַס און מיר האָבן געפילט, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערן, ביכדי צו העלפן אין דער דרינגענדיקער נויט. אויף דער מערב־זייט פון לאָנדאָן איז די לאַגע געווען אפשר נאָך ערגער. דער גרעסטער טייל פון אונדזערע דייטשע חברים איז געבליבן אָן אַרבעט, ווייל די באַלעבאַטים האָבן פּשוט מורא געהאַט צו האַלטן דייטשן אין זייערע אונטערנעמונגען, ביכדי נישט עפנטלעך דענונצירט צו ווערן פון דער געלער פרעסע. אַזוי האָבן זיך די דייטשע און פראַנצויזישע חברים פאַראייניקט צווישן זיך און געגרינדעט אַן אַזויגערופענע „קאָמוניסטישע קיך”, כדי אַזוי ארום ארויסצוהעלפן זייערע אַרבעטסלאָזע. אייניקע חברים, וועלכע זיינען געווען בעריעס אין דער קאָכקונסט, האָבן איבערגענומען די טעכנישע אָנפירונג איבער דער קיך. די ארבעטלאָזע האָבן זיי צוגעהאָלפן. זיי האָבן געשיילט קאַרטאָפל, געוואַשן געמיזע און געשיר. די חברים, וועלכע האָבן נאָך נישט געהאַט פאַרלוירן זייער באַשעפטיקונג, האָבן אונטערגעשטיצט דעם נייעם אַנשטאַלט דערמיט, וואָס זיי האָבן געגעסן זייערע מאָלצייטן אין לאָקאַל פון אונדזער קליינער געמיינדע און אויך אַרויסגעהאָלפן מיט פריוויליקעביישטייערונגען. אַ פרעכטיק בילד איז דאָס געווען צו זען אָט־די דייטשע און פראַנצויזישע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך דאָ צוזאַמענגעטראָפן, באַהערשטע פונעם גייסט פון דער טיפסטער מענטשלעכקייט, כדי זיך קעגנזייטיק צו העלפן און צו שטיצן, בעת אויף יענער זייט קאַנאַל, אויף דער אייראָפּעישער יבשה, זוכן מיליאָנען פּראָלעטאַריער תּחבולות, ווי אַזוי איינער ביי די אַנדערע אויסצובלאָזן דאָס לעבנסליכט זייערס, פאָלגנדיק דאָס געבאָט פון זייערע רעגירונגען.

האָבן מיר תּיכף גענומען נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון די דייטשע און פראַנצויזישע חברים און געגרינדעט אין דער מיזרח־זייט פון לאָנדאָן אַ געמיינשאַפטלעכע קיך. ס'איז געדונגען געוואָרן אַ הויז, ס'זיינען אויף גיך צונויפגעקלאַפּט געוואָרן טישן און בענק און די איינצלנע פּריוואַטע ווירטשאַפטן האָבן באַזאָרגט דאָס נייטיקע געשיר. אונדזערע פרויען האָבן איבערגענומען די אָנפירונג פון דער אונטערנעמונג און זיך איבערגעביטן איינע די אַנדערע ביים קאָכן און ביים איינקויפן די לעבנסמיטלען. די ארבעטסלאָזע חברים האָבן זיי געהאָלפן ביים דורכפירן די שווערערע אַרבעטן און אין אייניקע טעג אַרום איז אַלעס געגאַנגען ווי אויף רעדלעך. נאָך די מאָלצייטן האָבן מיר אָרגאַניזירט פאָרלעזונגען אָדער שמועסן וועגן די וויכטיקסטע טאָג־פאַסירונגען. אַ זעלטענער גייסט האָט אומעטום געהערשט און נאָך פעסטער און נענטער צונויפגעבונדן דעם באַנד פון סאָלידאַריטעט צווישן די חברים.

קראַפּאָטקין, וועלכער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט אונדזער נייער אונטערנעמונג, האָט אונדז צוזאַמען מיט סאָפּיען באַזוכט, ביכדי זיך צו באַקענען מיט דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע, וועגן וועלכער ער האָט טאַקע באַלד אָנגעשריבן אַן אַרטיקל אינעם „פרידאָם" און שטאַרק געלויבט די אַרבעט. די אָרגאַניזאַציע פון אונדזער קיך איז געווען אַ גאַנץ פּשוטע. ס'איז נישט געווען איינגעפירט קיין באַשטימטער פּרייז פאַר די מאָלצייטן. יעדער האָט געגעבן וויפל ער האָט געקאָנט און ווער ס'האָט גאָרנישט געקאָנט געבן, איז אויך געווען אַזאַ אָנגעלייגטער גאַסט ווי אַן אַנדערער. אַ טייל פון די חברים, וועלכע האָבן נאָך געאַרבעט, האָבן געשטעלט אין רשות פון אונדזער אונטערנעמונג אַ גרויסן טייל פון זייער לוין פון דער וואָך. אַנדערע, וועלכע האָבן נאָך וואַכנאַנגער אַרבעטסלאָזיקייט לסוף באַקומען עפּעס אַן אָרעמע שטעלע ערגעץ אין אַ פּראָווינציעל שטעטל, האָבן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונדז יעדע וואָך צוצושיקן זייערביישטייער, ביכדי צו שטיצן אָט־דעם אויפטו פון פּראַקטישער סאָלידאַריטעט מיט אַלע זייערע כּוחות. אַ סך פון אונדזערע חתונה־געהאַטע חברים האָבן אויך נישט געוואָלט שטיין אינגאַנצן פונדערווייטנס און זיי האָבן נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט לפּחות אייניקע מאָל אין דער וואָך צו קומען עסן זייער וועטשערע אין דער קיך פון דער קאָמונע. נאָך היינט ווערט מיר וואַרעם אויפן געמיט, ווען איך טראַכט פון יענער לאַנג־פאַרגאַנגענער צייט און דערמאָן זיך אין יענע פּשוטע אַרבעטער, וועלכע האָבן מקריב געווען דאָס לעצטע פון דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט, ביכדי צו העלפן און בייצושטיין זייערע חברים אין נויט. ס'איז געווען דער איינציקער ליכטשטראַל אין יענער צייט פון בלינדן שיגעון און גרויסן פעלקערמאָרד.

אַזוי ווי מיר זיינען געווען איבערצייגט, אַז ס'קומען־אָן שווערע צייטן פאַר אונדז, האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרקלענערן דעם פאָרמאַט פון אונדזער בלאַט, כּדי בעסער צו קאָנען איבערטראָגן די שווערע צייט. אין דערזעלביקער צייט האָבן מיר אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די חברים אין אַמעריקע און געבעטן זייער הילף, ביכדי צו זיין באַשירעמט פאַר אַלע מעגלעכקייטן. דאָס איז געווען אין יענע טעג, ווען אונדזער אלטער פריינט דר. מ. א. קאָן מיט זיין פרוי זיינען אָנגעקומען קיין לאָנדאָן. ביידע האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ רייזע קיין אייראָפּע פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה און אין ווין זיינען זיי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער קאַטאַסטראָפע. מיט שווערער מי איז עס זיי, ווי אַמעריקאַנער בירגער, אָנגעקומען זיך אַרויסצובאַקומען פון עסטרייך אין דער שווייץ, פון וואַנען זיי זיינען איבער פּאַריז געקומען קיין לאָנדאָן. ביידע זיינען זיי געווען שטאַרק באַווירקט און דערמוטיקט פון אונדזער דעמאָלסטיקער טעטיקייט און זיי פלעגן אָפט עסן זייערע מאָלצייטן אין אונדזער געמיינדע־קיך, אַזוי ווי איך האָב, ווי אַ פיינטלעכער אויסלענדער, נישט געטאָרט אַרויס פונעם פאַרבאָטענעם מהלך פון פינף ענגלישע מייל, האָב איך זיי נישט געקאָנט באַגלייטן צו קראַפּאָטקינען, וועלכער האָט דעמאָלסט געוווינט אין ברייטאָן, און האָב אָט־די אויפגאַבע געמוזט איבערגעבן מילין. דערפאַר האָב איך אָבער

געהאַט די געלעגנהייט מיט זיי צוזאַמען צו מאַכן אַ באַזוך ביי מאַלאַטעסטאַן, וועמעס וווינונג האָט זיך נאָך געפונען פונקט אינעם שטח פון די אַנגעצייכנטע פינף מייל.

ערריקאַ האָט אונדז אויפגענומען מיט דער גאַנצער אומגעצווונגענער האַרציקייט, וועלכע איז פאַר אים געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש, און נאָכדעם ווי קאָן האָט פאַר אים געשילדערט די איינדרוקן פון ווין און פון זיין אַזויצוזאָגן איינגעשטעלטער רייזע קיין לאָנדאָן, זיינען מיר באַלד אַרויף אויף דער טעמע מכוח דער אַלגעמיינער לאַגע. וועגן וועלכער מאַלאַטעסטאַ האָט זיך אַרויסגעזאָגט זייער ערנסט. הגם ער האָט זיך נאָך אויך איצט געהאַלטן ביי זיין שטאַנדפּונקט, אַז דער קריג וועט זיך פאַרענדיקן מיט א גרויסער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע. אַזוי ווי די ענגלישע רעגירונג האָט שוין געהאַט אַנגעהויבן מיט דער אינטערנירונג פון די דייטשן און עסטרייכער, איז אונדז אויסגעקומען צו רעדן אויך וועגן דער־אָ טעמע. דערביי האָט מיר מאלאטעסטא געקלאַפּט אויף די פּלייצעס און אַ זאָג־געטאָן:

— „נו, אין דיר וועט דאָך די רעגירונג זיכער נישט וועלן זען דעם קייזערס אַ שפּיאָן און דיך דעריבער געמאך לאָזן".

איך אַליין האָב, צום באַדויערן, נישט געקאָנט טיילן מאַלאַטעסטאַס דאָזיקן אָפּטימיסטישן באַנעם און אים לאַכנדיק געענטפערט, אַז ס'איז בעסער צו זיין גרייט און אַנטשלאָסן פאַר אַלע איבערראַשונגען. מיט איניקע טעג שפּעטער זיינען אונדזערע אַמעריקאַנער פריינט אָפּגעפאָרן קיין ניו־יאָרק, ווו מ'איז געווען שטאַרק אומרואיק וועגן זיי.

אינצווישנצייט האָבן זיך די געשעענישן אויסגעוויקלט אַזוי ווי זיי האָבן אַנדערש נישט געקאָנט זיין. די ווילדע העצע פון דער געלער פּרעסע קעגן די דייטשן אין ענגלאַנד האָט אַריינגעשליידערט געוויסע שיכטן פונעם פאָלק ממש אין אַ קראַנקהאַפטער שטימונג. אומעטום האָט מען געוואָלט זען שפּיאָנען; אין יעדן צופעליקן אומגליקספאַל האָט מען באַלד געוואָלט זען די אומזעבאַרע האנט פון די פיינטלעכע אויסלענדער. און אַזוי ווי די רעגירונג האָט זיך נאָך אַלץ געקווענקלט דוכצופירן מאסנאַרעסטן און נישט געוואָלט טאָן האָט זי עס ווייניקער צוליב מענטשנפריינטלעכקייט, ווי פּשוט צוליב דעם, וואָס מ'האָט נישט געוווּסט, ווו אהינצוטאָן די אַרעסטירטע, זיינען די פּאַטריאָטן געפאַלן אויף אַנדערע מיטלען. זיי האָבן זיך אַראָפּגענומען אַ ביישפּיל פון די מעטאָדן פון דער שוואַרצער מאה אין רוסלאַנד און געהעצט די באַפעלקערונג צו פּאָגראָמען. אין דער מיט אָקטאָבער האָבן זיך אין דעפּטפאָרד, אַלד קענט ראָוד, בריקסטאָן און אַביסל שפּעטער אויך אין פּאָפּלאַר צונויפגענומען אין די גאסן גרויסע מאסן מענטשן און איבערגעפאַלן די געשעפטן פון קליינע דייטשע סוחרים. די געשעענישן מיט אַלע זייערע פאַרדריסלעך־אויפברויזנדיקע פּרטים האָבן געטראָגן דעם אומאָפּלייקנבאַרן כאַראַקטער פון אַ רוסישן פּאָגראָם, מיטן איינציקן חילוק, וואָס דאָ האָט זיך נישט געהאַנדלט וועגן יידן, נאָר וועגן דייטשן. מ'האָט אויסגעפּלינדערט די קלייטלעך, אַריינגעריסן זיך אין די וווינונגען, געמאַכט אַ חורבן פון דער ווירטשאַפט און דעם ברוך דערנאָך אַרויסגעוואָרפן אין גאַס. אין איינצלנע פאַלן האָט מען אפילו געפּרווט אונטערצוציינדן די הייזער. איניקע פון די אומבאַ־

שיצטע קרבנות האָבן געמוזט אנטלויפן איבער די דעכער פון די שכנישע הייזער, כדי צו ראטעווען זייער לעבן. די פּאָליציי איז געווען לגמרי מאכטלאָז און ערשט דורכן אַריינמישן זיך פונעם מיליטער איז געמאכט געוואָרן אַ סוף צו דידאָזיקע אומרועז. אַ סך פערזאָנען זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן, צווישן זיי אייניקע זעלנער, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין די פּלינדערונגען. מ׳האָט פארמישפּט מער ווי פערציק פון די אַרעסטירטע, אָבער אָט־די אָרעמע שלעפּער זיינען זיכער געווען די אומשולדיקסטע. יעדער איינער, ווער ס׳איז נאָר נישט געווען געשטראָפט מיט בלינדקייט, האָט באלד געקאָנט איינזען, אז דאָ האָט מען פאַר זיך נישט געהאט קיין אויסברוך פון בלינדן פאָלקסצאָרן, נייערט אַז אין אַלע פאַלן האָט זיך דאָ געהאנדלט וועגן אַ קינסטלעכער מאַכינאציע, כדי צו צווינגען די רעגירונג צו אַ מאַסאָווער אינטערנאַציע פון די דייטשן. די אייגנטלעכע אינטריגאנטן האָבן זיך פאָרזיכטיק באַהאַלטן אין הינטערגרונט און איבערגעלאָזט די אָרעמע טיפּשים, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו זייערע שושקערייען, אַליין אויסצוגיסן דאָס באָד. אַגב וואָלט די רעגירונג זיכער נישט געווען געהאט דעם מוט אַרויסצוטרעטן קעגן די אמתע רעדלפירער, וועלכע זיינען איר זיכער נישט געווען אומבאקאנט.

די־אָ טאַקטיק האָט טאַקע געהאַט די ווירקונג, וועלכע מ׳איז אויסן געווען. די רעגירונג האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן נעמען שאַרפער צו די דייטשן, אָנגעהויבן דורכפירן מער אַרעסטן און זיך דערביי באַנוצט מיטן שיינעם תירוץ, אַז לגבי דער אַלגעמיינער אויפרעגונג און ברויז איז מען געצוווונגען צו אינטערנירן די פיינטלעכע אויסלענדער „צוליב זייער אייגענער זיכערקייט". ביי אָט־די אומשטענדן האָבן מיר, — ד. ה. מיין פריינט ש. לינדער און איך, — געמוזט יעדע שעה זיך ריכטן אויף אונדזער אַרעסט, ביפרט וואָס דער „אַרבייטער־פריינד" האָט אָנגעהאַלטן די שאַרפסטע שטעלונג קעגן דער פאָגראָם־טאַקטיק און קעגן דער מילחמה אין אַלגעמיין. מיר האָבן דעריבער אין נומער פון 23טן אָקטאָבער אַרויסגעלאָזט נאָך אַן אויפרוף צו די חברים, אין וועלכן מיר האָבן זיי אויפגעפאָדערט אויך אויף ווייטער צו זיין געטריי צום בלאַט, ווען אַפילו עס זאָל אונדז ביידן נישט זיין באַשערט צו שטיין די גאַנצע צייט ביים אַרויסגעבן עס. אָט־דער נומער איז פונקט געווען אין דרוקעריי, ווען לינדער איז אַרעסטירט געוואָרן. אין דערזעלביקער צייט זיינען פאָרגעקומען מאַסנאַרעסטן אין דער מערב־זייט פון לאָנדאָן. די פּאָליציי האָט זיך אַריינגעריסן אינעם פאַרזאַמלונגס־לאָקאַל פון די דיישע חברים און פאַרנומען אַלע, וועלכע זיינען דאָרט געווען. פון צוואַנציק ביז דרייסיק פערזאָן. אין איסט־ענד זיינען חוץ לינדערן נאָך אַרעסטירט געוואָרן דער חבר ה. פריינד, סעקרעטאַר פון דער אַנאַרכיסטישער פעדעראַציע, און מיט אַ שטיקל צייט צוריק אונדזער אלטער חבר ל. זוס. ביים אַרעסטירטן זוסן האָט לויט אלע וואַרשיינלעכקייטן געהאַט אַ חלק „סקאָטלאַנד יארד". זוס האָט פון זינט אַ לאנגער צייט געהאט אויף איסט־ענד אַ פאָטאָגראַפישע אַטעליע און ער האָט אַ היפּשע צייט פאַר דער מילחמה אָפּגעוואָרפן אַ פאָרלייג פון דער פּאָליטישער פּאָליציי איר אַרויסצוגעבן נעגאַטיוון פון באַשטימטע פאָטאָגראַפיעס. האָט ער דערפאַר איצט געמוזט באַצאָלן.

דער אַרעסט פון אַזוי פיל חברים האָט אונדז אוועקגעשטעלט פאַר אַ נייער שווערער אויפגאַבע. דער רוב פון די אינטערנירטע חברים איז געווען לגמרי אָן מיטלען; מ׳האָט זיי אָפּילו נישט געגעבן די מעגלעכקייט מיטצונעמען פון זייער היים די נייטיקסטע זאכן, נאָר זיי צוגענומען פשוט אזוי ווי זיי זיינען געגאַנגען און געשטאַנען און אַזוי זיי אָפּגעפירט אין לאַגער. האָבן מיר פאַר זיי געמוזט באַזאָרגן הילף אזוי גיך ווי מעגלעך און חוץ דעם געמוזט זיין אנטשלאָסן אויף דעם, אַז אָט־די הילף וועט מוזן געגעבן ווערן אין משך פון דער גאַנצער צייט פון זייער אינטערנירונג. איך האָב דעריבער תיכף אָנגעשריבן אַן אויפרוף אין „אַרבייטער־פריינד״ אין דעם זין, און ער האָט באַקומען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג צווישן די חברים. נאָך אין דער זעלביקער וואָך איז געשאַפן געוואָרן א הילפסקאָמיטעט, וועלכער האָט זיך געווידמעט צו אָט־דער הילפסאַרבעט. איך אַליין האָב זיך נישט געקאָנט באטייליקן אין זיין אַרבעט, ווייל איך האָב זיך יעדע מינוט געריכט אויף מיין אַרעסט. האָט דעריבער מילי איבערגענומען דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן ווי די סעקרעטארשע, וועלכן זי האָט אָנגעהאלטן מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט און געטרייקייט ביז צו איר אַרעסט, וועלכער איז פאָרגעקומען מיט זעכצן חדשים שפּעטער.

פונקט אין דערזעלביקער צייט האָט אלע קרייזן פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין ענגלאַנד אַרומגעכאַפּט א שטאַרקע אויפרעגונג. קראָפּאָטקין האָט לסוף עפנטלעך גענומען א שטעלונג צו דער מילחמה. פאַרן ענגערן קרייז פון חברים, וועלכער איז מיט אים זינט יאָרן געשטאַנען אין שטענדיקן פּערזענלעכן פאַרקער, איז זיין שטעלונג שוין לאנג געווען באַקאַנט, אָבער דער גרויסער רוב פון די חברים האָט נישט געהאט קיין באגריף דערפון. האָט ער זיך איצט אנטשלאָסן אַרויס־צוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט מיט זיין קוק אויף דעמדאָזיקן עינין און געטאָן האָט ער עס אין זיין באקאנטן בריוו צום שוועדישן פּראָפעסאָר סטעפען, אין וועלכן ער האָט קלאָר אַרויסגעברענגט זיין צוגאַנג צו דער מילחמה. ער האָט מיר צוגעשיקט אַ קאָפּיע פון יענעם בריוו, וועלכן איך האָב תיכף פאַרעפנטלעכט אין „אַר־בייטער־פריינד״. איז איצט געווען אומפאַרמיידלעך א חלוקי־דעה מיט אים. דער עינין איז מיר געווען זייער נאָענט צום האַרץ, מער ווי דער רוב פון מיינע פריינט האָבן דאָס דעמאָלסט געאָנט אָפּילו. איך האָב קראָפּאָטקינען געהאט זייער א סך צו פאַרדאַנקען. דאָס פאַרטיפן זיך אין זיינע ווערק האָט מיין גאַנצער גייסטיקער אנט־וויקלונג געגעבן א באשטימטע ריכטונג, וועלכע איז געווען אנטשיידנדיק פאַר מיין גאַנצן שפּעטערדיקן לעבן. אגב האָט מיך צוגעבונדן צו אים דער באנד פון אַ לאַנג־יעריקער פּערזענלעכער פריינטשאַפט. ער איז פאַר מיר געווען איינער פון די ליבסטע מענטשן, וואָס איך האָב באַגעגנט אויף מיין לעבנסוועג, און מיין פּערזענלעכע אַכטונג צו אים איז געווען אומבאגרענעצט. ביי אָט־די אומשטענדן איז עס נישט געווען לייכט פאַר מיר צו מוזן אַרויסטרעטן קעגן אים. אָבער עס האָט זיך דאָ געהאנדלט אין אַן עינין פון געוויסן, וווּ ס׳טאָר נישט זיין קיין רייד וועגן קווענקלעניש. ס׳איז געווען אָן יעדן ספק, אַז דאָס, וואָס פּיאָטר האָט געזאָגט, איז געווען דער אויסדרוק פון זיין טיפסטער אינערלעכער איבערצייגונג, וועגן וועלכער קיינער האָט נישט געצווייפלט.

א סך פון זיינע אויספירונגען האָבן זיך מיר אויסגעוויזן דורכויס באַגרינדעט. אָבער איך האָב נישט געקאָנט מסכים זיין מיט די שלוסן, צו וועלכע ער איז געקומען, ווייל זיי וואָלטן, לויט מיין מיינונג, געמוזט דערפירן צו אומגליקלעכע רעזולטאַטן. דאָס איז נישט געווען בלויז מיין מיינונג. די איבערוועגנדיקע גרויסע מערהייט פון די חברים אין ענגלאַנד און אין אַלע אַנדערע לענדער האָבן אויך אַזוי געהאַלטן, הגם זיי האָבן די סיבה פון קראָפּאָטקינס שטעלונג אינטערפּרעטירט אויף א פאַרשידנדיקן אופן.

אייניקע פון זיי זיינען אַפילו געווען מיט דער מיינונג, אַז ביי אים האַנדלט זיך עס דאָ וועגן א ירושהדיקן רוסישן פּאַראורטייל קעגן די דייטשן, פון וועלכן ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען. איך אַליין האָב אָבער געהאַלטן, אַז די עיקרדיקע סיבה פון זיין דעמאָלסטיקער שטעלונג האָט געדאַרפט געזוכט ווערן אין זיין אייגנאַרטיקן באַנעם פון דער מאָדערנער געשיכטע. ס'זיינען פאַראַן היסטאָריקער, וועלכע פאַרלירן זיך אַזוי שטאַרק אין די איינצלהייטן פון באַשטימטע עפּאָכעס, אַז זיי זיינען איבער־הויפּט נישט אימשטאַנד געבוי צו דערקענען זייערע וועזנטלעכע גרונטשטריכן און זיי ריכטיק אויסצוטייטשן. קראָפּאָטקין איז געווען אַזויצוזאָגן א טיפּישער היפּוך פון אַט־דעם סאָרט. זיין אַנאַליטישע שאַרפזיניקייט און זיין גלענצנדע פעיקייט צו דעדו־צירן לאָגישע אויספירן פון געוויסע געשיכטלעכע פאַקטן האָבן פאַר אונדז שטענדיק אַרויסגעבררענגט אַנשוילעך די וועזנטלעכע גייסטיקע שטרעבונגען פון א תקופה. דערביי האָט ביי אים אָבער פּאַסירט, אַז ער האָט צו לייכט אָפּגעשאַצט געוויסע פּרטים, וועלכע זיינען אָפט שטאַרק וויכטיק פאַר דער פאַרשטענדעניש פון א געוויסן געשיכטלעכן פעריאָד. אַזא אייגנאַרטיקע געמיטשטימונג, וועלכע מ'קאָן גאַנץ אָפט באַמערקן ביי גרויסע פּערזענלעכקייטן, האָט בלי שום ספק אירע אומאָפּפרעגבאַרע מעלות, מחמת זי זוכט שטענדיק אַרויסצוברענגען דעם עיקר העיקרים פון אַן עינין. אַן אַט־דער געמיטשטימונג וואָלט אַזא טיפזיניק ווערק ווי די „קעגנזייטיקע הילף ווי אַ פאַקטאָר פון אנטוויקלונג" מיסתמא נישט געווען געקאָנט אַנגעשריבן ווערן, ווי עדוואַרד בערנשטיין האָט דאָס שוין זייער ריכטיק איינגעזען. אָבער זי האָט אויך חסרונות, וועלכע מ'טאָר נישט פאַרזען, ביפרט וואָס דווקא דאָס געביט פון דער היסטאָרישער פאָרשונג איז צום ווייניקסטן צוגעפּאַסט פאַר אבסאָלוטע אמתן, אַ זאַך, וואָס קראָפּאָטקין האָט שטענדיק באַטאָנט.

די געשיכטלעכע תקופה, וועלכע האָט קראָפּאָטקינען צום שטאַרקסטן און צום גרינטלעכסטן אינטערעסירט, איז געווען דער פעריאָד פון דער גרויסער פראַנצוי־זישער רעוואָלוציע. באַלד נאָך זיין אנטלויפן פון רוסלאַנד האָט ער זיך אינגאַנצן פאַרטיפט אין די פאָרשאַרבעטן פון יענער געוואַלטיקער עפּאָכע און שוין דעמאָלסט האָט אים געררייצט דער געדאַנק צו פאָרמולירן זיינע מחשבות וועגן יענער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך דורכגעטראָגן ווי א שטורעמווינט איבער גאַנץ איירָאָפּע, אין אַ באַזונדערן ווערק, אַ זאַך, וועלכע האָט געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן ערשט מיט דריי צענדליק יאָר שפּעטער. דער לאַנגער פעריאָד פון דער רעאַקציע, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער ירידה פון די אלטע פעדעראַליסטישע אינסטיטוציעס און

מיט דער אנטוויקלונג פון די גרויסע מלוכות אין אייראָפּע אין לויף פון 16טן און 17טן יאָרהונדערט, איז פאַרענדיקט געוואָרן דורך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אַן אַלטע וועלט איז מיט אַ קראַך צעפאַלן געוואָרן און ס'האָבן זיך געעפנט נייע, אומגעריכטע פּערספּעקטיוון אויף אַלע געביטן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. מיט רעכט האָט קראָפּאָטקין געזען אין אַלע שפּעטערדיקע אויפשטאַנדן אין אייראָפּע בלויז אוממיטלבאַרע ווירקונגען פון די גרויסע געשעענישן פון 1789־1794. אויך די גאַנצע אידעאָלאָגישע וועלט פון די גרויסע סאָציאַליסטישע באַנייער אין דער ערשטער העלפט פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז אַרויסגעקומען פונעם גייסט פון יענעם גרויסן איבערקער און האָט אין אַלע לענדער אַרויסגערופן סאָציאַלע באַוועגונגען, וועלכע האָבן געשטרעבט צו אַ גרינטלעכער איבעראַנדערשונג פון די עקזיסטירנדיקע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן.

דורכן דייטש־פראַנצויזישן קריג פון 1870־71 איז געמאַכט געוואָרן אַ פריער סוף צו אָט־דער אנטוויקלונג. דער אויפקום פון אַ דייטשן מיליטערשטאַט אונטער פּרייסנס אָנפירערשאַפט און די אַנעקסיע פון עלזאַס־לאָטערינגען האָבן געשאַפן אַ נייע פּאָליטישע לאַגע, דורך וועלכער אייראָפּעס געזעלשאַפטלעכע געשטאַלטונג איז אָפּגעשטופּט געוואָרן אין אַן אַנדערער ריכטונג. די גייסטיקע און פּאָליטישע פירונג איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ מלוכה, וועמעס פאָלק האָט כימעט נישט געהאַט קיין שום רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס און וועמעס פירער האָבן זיך איצט גענומען גרייטן אַרויפצולייגן אויף זיין אינערלעכער אַנטוויקלונג אַ שטרענג־מיליטערישן חותם. אַזוי איז אָנגעקומען אויפן קאָנטינענט אַ נייע תקופה פון רעאַקציע, די רעאַקציע פונעם מאָדערנעם מיליטאַריזם און פון אַ מעכטיקער מלוכהשער ביוראָקראַטיע, וועלכע באַקומען האָט שוין געהאַט באַצייכנט ווי דעם פּעריאָד פונעם ביסמאַרקיאַניזם. פראַנקרייך, וועלכע איז, דורכן פאַרלוירענעם קריג און דורך דער מפּלה פון דער פּאַריזער קאָמונע, געוואָרן אַ צווייטן מאָל געשלאָגענע, איז איצט געווען געצוווּנגען צו קאָנצענטרירן אַלע אירע כוחות אויף דער אויפהאַלטונג פון איר נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט, וועלכע איז כסדר באַדראָט געוואָרן דורך דייטשלאַנדס מאַכטפּאָליטיק. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען יענע עפּאָכע פון אַ ביז צו די העכסטע שפּיצן אַרויפגעשרויפטן נאַציאָנאַליזם, און דער קולט, וועלכער איז געטריבן געוואָרן מיט דער אַרמיי, האָט אַריינגעשלעפּט אין זיין פאַרכישופטן קרייז די בעסטע קעפּ, וועלכע וואָלטן ביי אַנדערע אומשטענדן געווען געדינט דעם אידעאַל פון פרידן און פון סאָציאַליזם. אייראָפּע האָט זיך ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן לאַגער פון אַרמייען און אַלע גרעסערע חלקים פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה פון די פעלקער זיינען נוצלאָז אויפגעבראַכט געוואָרן ווי קרבנות פון מילחמה. און וואָס גרעסערן פּראָגרעס די־אָ מיליטאַריזירונג פון אייראָפּע האָט געמאַכט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן די רעאַקציע אויף אַלע אַנדערע געביטן און אַלץ גרעסערע שטרויכלונגען האָט זי אוועקגעלייגט אויפן וועג פון דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג.

איך מיין, אַז בעיקר זיינען עס געווען אָט־די סיבות, פון וועלכע קראָפּאָטקין איז דעמאָלסט באַאיינפלוסט געוואָרן. און ווען דער קריג איז דעמאָלסט אויסגעבראָכן

און די דייטשע אַרמיי האָט זיך אַריינגעריסן קיין בעלגיע, האָט פאַר אים עקזיס־טירט אין לאָזונג בלויז — אנטקעגנצושטעלן דער דייטשער אינוואזיע א געאייניקטע מערב־אייראָפּע און דייטשלאנד צו דערשלאָגן פאַר יעדן פּרייז. איך בין אויך איבער־צייגט, אַז קראָפּאָטקין האָט די מלוכה־לייט פון די אַליאירטע נישט אָפּגעשאַצט העכער ווי זיי זיינען אינדערמתן ווערט געווען. דאָס, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק צונויפגעבונדן מיט מערב־אייראָפּע, זיינען געווען די טראַדיציעס פון דער גרויסער רעוואָלוציע, וועלכע האָט געבראַכן די מאַכט פונעם פירשטלעכן אבסאָלוטיזם און פונעם פעאָדאַלן געזעלשאַפטלעכן סדר און געפירט אייראָפּע אויפן וועג פון א נייער אנטוויקלונג. פונקט ווי פּרודאָן אין זיין „רעוואָלוציע פונעם 19טן יאָרהונדערט״, אַזוי האָט אויך קראָפּאָטקין איינגעזען, אַז דידאָזיקע אנטוויקלונג איז נאָך לאנג נישט פאַרענדיקט. אין די סאָציאַלע באוועגונגען פון דער קעגנוואַרט פאַר אַ רעאָרגאַ־ניזאציע פונעם עקאָנאָמישן און געזעלשאפטלעכן לעבן האָט ער געזען דעם נאַטיר־לעכן המשך פון די רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען פון 1789, און ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז דייטשלאַנדס ניצחון וועט אָפּשטעלן און צוריקשליידערן דעם גרויסן היסטאָרישן פּראָצעס, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין אייראָפּע מיט דער פראנצויזישער רעוואָלוציע, אויף צענדליקער, אויב נישט אויף הונדערטער יאָרן. און ווען די מילחמה, וועלכע ער האָט פון זינט אזוי לאנג פאָרויסגעזען, איז מיצד די פעלקער נישט געשטערט געוואָרן, האָט ער זיך אָן איינזעעניש געשטעלט אויף דער זייט פון דער אַנטאַנט, בכדי צו ראַטעווען פון די רעוואָלוציאָנערע דעראָבע־רונגען אזוי פיל, וויפל ס'איז נאָר מעגלעך צו ראַטעווען.

אינוויווייט אויסגעהאלטן עס זיינען געווען אין אלע פּרטים זיינע אויספירן, — דאָס איז שוין, פאַרשטייט זיך, אַן אַנדערער ענין. איך האָב געקאָנט פארשטיין זיין באַנעם און אויך געוווסט, ווי אַזוי אָפּצושאַצן און צו רעספּעקטירן זיינע סיבות, אָבער ביי מיין בעסטן ווילן האָב איך מיט אים נישט געקאָנט מסכים זיין. אַדרבא, מיר האָט זיך דעמאָלסט אויסגעוויזן, אַז זיין צוגאַנג שטייט אין אַן אָפענער סתירה צו אַלץ, פאַר וועלכן מיר האָבן ביז אַהער געקעמפט און זיך געראנגלט. אין דעם זין האָב איך אים געענטפערט אין פיר ארטיקלען, וועלכע זיינען דערשינען אין „אַרביי־טער־פריינד״ אין אָקטאָבער און נאָוועמבער.

נאָכדעם ווי קראָפּאָטקינס שטעלונג צו דער מילחמה איז באקאנט געוואָרן פאַר אַלעמען, איז צווישן די חברים פון אַלע לענדער אנטשטאַנען א לײדנשאַפטלעכע דיסקוסיע. דער ענין פון פאַר און קעגן איז באַטראַכט געוואָרן מיט א היפּשער געוואלטזאמקייט און ס'זיינען געפאַלן, צום באדויערן, אָפט איבערגעשפאנט רעוואָרן די גרענעצן פון דער אָביעקטיוויטעט. אין שפאַניע זיינען אלע חברים אַרויסגעטראָטן קעגן קראָפּאָטקינען ווי איין מאַן. פון די באַקאַנטע שפּאַנישע אַנאַרכיסטן איז עס געווען כימעט בלויז ריקאַרדאָ מעליאַ און פעדעריקאָ אוראַלעס (כואַן מאָנטסעני), וועלכע האָבן זיך געפּרוווט איינשטעלן פאַר זיין באַנעם. אויך טאַררידא האָט שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט קראָפּאָטקינען, הגם ער האָט זיך נישט באטייליקט אין דער עפנטלעכער דעבאַטע. אין איטאַליע האָבן די חברים אָנגענומען דיזעלביקע שטע־

לונג, מיטן אויסנאם פון אייניקע אַנהענגער פון דער אינדיווידואַליסטישער ריכטונג. בערך אזוי האָט אויך אויסגעזען די לאַגע אין אַלע אַנדערע לענדער פון אייראָפּע. בלויז אין פראַנקרייך האָט זיך א געוויסע צאָל באַקאַנטע חברים, אזעלכע ווי זשאַן גראַוו, שאַרל מאַלאַטאָ, קריסטיאַן קאָרנעליסען, שאַרל אַלבערט און אייניקע אַנד., שטאַרק אַרויסגעשטעלט פאַר קראָפּאָטקינס אינטערפּרעטאַציע. מאַלאַטאָ און קאָר־נעליסען זיינען אפילו געקומען פון פּאַריז קיין לאָנדאָן, ביכדי צו געווינען די דאָר־טיקע חברים פאַר זיין שטאַנדפּונקט. ס'האָט פאַר דעם צוועק געזאָלט צונויפגערופן ווערן אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ. אָבער נאָכדעם ווי ביידע האָבן געזען די שטעלונג פונעם גאָר גרויסן רוב פון די חברים אין ענגלאַנד, האָבן זיי אויפגעגעבן דעם פּלאַן זייערן.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז אין לאָקאַל פון דער גרופּע „פרידאָם" פאָר־געקומען אַ צונויפטרעף, אין וועלכן ס'האָבן אָנטיילגענומען חברים פון די פאַרשי־דענע לענדער און פעלקער. עס זיינען דאָרט געווען: מאַלאַטעסטאַ, טשערקעסאָוו, קיל, פּאַראַוויטש, שאַפּיראָ, שרייבער, שטענצלייט און אייניקע אַנדערע, און די דיס־קוסיע, וועלכע איז אַנטשטאַנען, האָט צומאָלס אָנגענומען אַליידנשאַפטלעכן כאַראַק־טער. טשערקעסאָוו, וועלכער האָט מסכים געווען מיט קראָפּאָטקינס צוגאַנג און אים נאָך אפילו איבערגעשטיגן, האָט אונטערגעשטראָכן די סכנה, וועלכע דייטשלאַנדס ניצחון וואָלט געבראַכט מיט זיך פאַר דער גאַנצער פרייהייטלעכער אַנטוויקלונג פון אייראָפּע. פאַר דער אַרבעטערבאַוועגונג, האָט ער געהאַלטן, וואָלט אַזאַ רעזולטאַט פון דער מילחמה געהאַט ממש קאַטאַסטראָפאַלע פאָלגן און טאָקע אין גאַנץ אייראָפּע, ווייל אין דעם פאַל וואָלט אומפאַרמיידלעך געמוזט קומען אַ לאַנגע עפּאָכע פון אַן אַלגעמיינער רעאַקציע, וועלכע וואָלט מיט אַן אייזערנער פויסט געמאַכט אַ סוף און אָפּגעווישט אַלע דערגרייכונגען פון די לעצטע הונדערט יאָר. אָט דערפאַר טאָקע האָט ער זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז מיר מוזן זיך אַנטשלאָסן שטעלן אויף דער זייט פון דער אַנטאַנט, אויב מיר ווילן נישט אויפגעבן אונדזער חוב ווי רעוואָ־לוציאָנערן און אויב מיר ווילן נישט צוהעלפן צום ניצחון פונעם פּרייסישן מי־ליטאַריזם.

מאַלאַטעסטאַ, וועלכער איז טשערקעסאָוון אייניקע מאָל געוואַלטזאַם אַריינגע־פאַלן אין די רייד, האָט זיך קוים געקאָנט באַהערשן. איך האָב אים קיינמאָל נישט געזען אַזוי אויפגערעגט און אויסער זיך ווי אין יענעם אָוונט. ער האָט זיך מיט דער גאַנצער שאַרפקייט געווענדט קעגן טשערקעסאָוון, מיט וועמען ער האָט זינט צענדליקער יאָרן אָנגעהאַלטן פריינטשאַפטלעכע באַציונגען, און האָט באַצייכנט זיין באַנעם ווי אַ פאַרלייקענונג פון אַלע פרייהייטלעכע פּרינציפּן. לויט זיין מיינונג האָט זיך אין דער איצטיקער מילחמה, ווי אין אַלע אַנדערע מילחמות, געהאַנדלט בלויז וועגן די אינטערעסן פון די הערשנדיקע קלאַסן, אָבער בשום אופן נישט וועגן די אינטערעסן פון די פעלקער. אַנדערש וואָלט געווען די לאַגע, ווען די אַרבעטער פון פראַנקרייך און ענגלאַנד וואָלטן פאַקטיש געווען אויסגעקעמפט זייער פאָטער־לאַנד, ביכדי איינצופירן אַ נייעם סאָציאַלן סדר. אין דעם פאַל וואָלט זעלבסטפאַר־

שטענדלעך געווען די פליכט פון די אַרבעטער אַרויסצוטרעטן קעגן אַ פּרעמדער אינוואַזיע. היינט אָבער זעט די זאַך אויס גאַנץ אַנדערש און מעגן זיך די אַרבעטער געפינען און קעמפן אויף וועלכער ס'איז זייט — שפּילן זיי נאָר די ראָל ווי מאַטע־ריאַל פאַר קאַנאָנען־פלייש.

אויך מאַלאַטעסטאַ איז געווען מיט דער מיינונג, אַז דייטשלאַנדס אַ ניצחון וועט מוזן פירן אייראָפּע צו אַן אַלגעמיינער רעאַקציע, אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז אויך אַ ניצחון פון דער אַנטאַנט וועט פירן צו ענלעכע רעזולטאַטן. פראַנקרייכס אַ ניצחון, האָט ער געטענהט, וועט דערפירן צו אַ גוואַלטיקער פאַרשטאַרקונג פון דער קלערי־קאַלער און ראַיאַליסטישער רעאַקציע און מעגלעך דערפירן צום אומקום פון דער רעפובליק. אויף יעדן פאַל וועט דורכדעם קומען צו אַ פולשטענדיקער שפּאַלטונג פון דער פראַנצויזישער אַרבעטערבאַוועגונג און וועט זי אויף אַ משך פון אַ סך יאָרן מאַכן אומפעיִק פאַר יעדער פּראַקטישער אַקטיוויטעט. און לסוף האָט ערריקאָ באַטאָנט, אַז נאָכדעם ווי די אַרבעטער זיינען נישט געווען אימשטאַנד נישט צו דערלאָזן צום אויסברוך פון דער מילחמה, האַלט אויך ער פאַר געוווּנטשן דייטש־לאַנדס מפּלה, אָבער צוליב אַנדערע מאָטיוון ווי טשערקעסאָוו און קראָפּאָטקין. דייטשלאַנדס מפּלה, האָט ער געהאַלטן, וועט אומבאַדינגט מוזן דערפירן צו אַ רע־וואָלוציע אין יענעם לאַנד, וועלכע וועט זיך וואַרשיינלעך אויסשפּרייטן אויך איבער אַנדערע לענדער.

נאָך טשערקעסאָווס אַ שאַרפן ענטפער, אין וועלכן ס'זיינען, אגב, נישט אריינ־געבראַכט געוואָרן קיין נייע אַרגומענטן אין דער דעבאַטע, האָב אויך איך אין קורצע ווערטער אַרויסגעבראַכט מיין באַנעם, וועלכן איך האָב שוין געהאַט אַרויס־געבראַכט אין אונדזער בלאַט, אַ באַנעם, וועלכער איז אין זיינע עיקרדיקע שטריכן געווען דערזעלביקער ווי מאַלאַטעסטאַס. אויך די אַנדערע חברים האָבן פאַרטראָטן ענלעכע מיינונגען און טשערקעסאָוו איז געשטאַנען גאַנץ אליין מיט זיינע מיינונגען. מיר האָבן זיך קעגנזייטיק נישט געקאָנט איבערצייגן און זיך פונאַנדערגעגאַנגען שפּעט ביינאַכט אין אַ היפּש געשפּאַנטער שטימונג, וועלכע איז באַזונדערס געווען מערקבאַר ביי מאַלאַטעסטאַן און טשערקעסאָוון.

אינצווישנצייט איז אין דער לאַגע פון די „פיינטלעכע אויסלענדער" פאָרגעע־קומען אַ לייכטע אָנטשפּאַנונג. ס'האָבן מיטאַמאָל אויפגעהערט די אַרעסטן, מחמת מ'האָט, קאָנטיק, נישט אַנגענומען די געהעריקע מיטלען און מ'האָט פּשוט נישט געוווּסט, וואָס אָנצוהייבן טאָן מיט אָט־די מענטשן. אַ קליינע צאָל פון די אינטער־נירטע איז אַפילו באַאַנייס באַפרייט געוואָרן, צווישן זיי אויך אונדזער פריינט לינדער. ער האָט אויסגעזעסן היפּש אָפּגעלאָזן, דער אָרעמער יאָט אונדזערער; מ'האָט געקאָנט דערקענען אין אים, אַז זיינע איבערלעבענישן אינעם „אָלימפּיאַ"־לאַגער זיינען דווקא נישט געווען קיין רויזיקע, ווען אפילו ער האָט אונדז גאָרנישט דערציילט וועגן דעם.

לינדערס באַפרייונג האָט ביי אַ סך אַרויסגערופן די האָפענונג, אַז איצט איז נישט פאַראַן קיין מאָטיוו מורא צו האָבן וועגן מיר; איך אַליין האָב אָבער געפילט אינסטינקטיוו, אַז ס'איז נישטאָ קיין מאָטיוו זיך צו פאַרלאָזן אויף דערדאָזיקער האָ־

פענונג. וואָלט איך געווען פארשוויגן מיין צוגאַנג צום קריג, וואָלט מען מיך אפשר נישט געווען באלעסטיקט, מחמת ס׳איז געווען א היפשע צאָל דייטשן, וועלכע זיינען במשך פון גאנצן קריג נישט אַרעסטירט געוואָרן. אָבער אין אַ צייט, ווען דאָס קול פונעם שכל־הישר איז אַזאַ זעלטנס, איז די קלוגע צוריקגעהאלטנקייט נישט געווען אויפן ריכטיקן פלאץ. ווען איך האָב זיך געגרייט צו ענטפערן קראָפּאָטקינען, בין איך געווען זיכער ביי זיך, וואָס איך האָב צו דערוואַרטן. איך בין געווען אַזוי פעסט איבערצייגט אין דעם, אַז מיין קליינע וואַליזקע איז שוין זינט וואָכן געווען גרייט פארפאקט און איך בין צו יעדער מינוט געווען גרייט זיך צו פאַרנעמען אויפן וועג צום „אַליאמפּיא״־לאגער. איך האָב זיך טאַקע נישט אָפּגענארט. ווי נאָר ס׳איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן דאָס לעצטע פון מיינע אַרטיקלען, איז פאָרגעקומען מיין אַרעסט.

# די „אָלימפּיאַ“

דעם 2טן דעצעמבער 7 אַזייגער פאַרנאַכט זיינען זיי געקומען נאָך מיר. אַזוי ווי איך בין שוין לאַנג געווען צוגעגרייט דערצו, איז עס פאַר מיר נישט געווען קיין שום איבערראַשונג. מילי האָט זיך געהאַלטן מוטיק ווי שטענדיק, אָבער איך האָב פונדעסטוועגן געפילט, וואָס עס קומט־פאָר אין איר נשמה. מיין זון רודאָלף, מיליס שוועסטער פאַלי און איניקע פריינט, וועלכע זיינען גראָד געווען ביי מיר, האָבן מיר שטום געדריקט די האַנט. אָבער ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין זיבניעריקן זינעלע, פּערמין, האָט דאָס קינד אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ פאַרצווייפלט געוויין, אַז אפילו בײדע פּאָליציי־אַגענטן זיינען קענטיק דערפון גערירט געוואָרן. אַלע פּרוּוון אים צו באַרואיקן האָבן נישט געהאָלפן. האָב איך זיך ראַש אָפּגעריסן פון אים און האָב צוזאַמען מיט מיינע צוויי באַגלייטערס פאַרלאָזט די וווינונג, אין וועלכע ס׳איז מיר מער נישט אויסגעקומען זיך אומצוקערן.

אַזוי ווי ס׳איז שוין געווען שפּעט מיך אָפּצופירן אין לאַגער, האָט מען מיך אָוועקגעפירט אין פּאָליציי־צירקל אין לעמאַן־סטריט, ווו איך האָב פאַרבראַכט די נאַכט. צומאָרגנס 9 אַזייגער אינדערפרי האָבן מיך באַזוכט מילי און רודאָלף. מ׳האָט זיי אַריינגעפירט אין מיין קעמערל, ווו מיר האָבן אומגעשטערט געקאָנט שמועסן. דער פּאָליציי־קאָמיסאַר, וועלכער האָט מיך געקענט, האָט אפילו דערלויבט, אַז לינדער זאָל מיך שפּעטער באַזוכן, ביכדי צו רעדן מיט מיר וועגן דעם ווייטער־דיקן דערשיינען פונעם בלאַט.

באַלד נאָכדעם ווי מילי און רודאָלף האָבן זיך מיט מיר געזעגנט, האָט זיך באַוויזן, אין מיין קעמערל אַ באַאַמטער פון סקאָטלאַנד־יאַרד, אין וועמענס באַ־גלייטונג איך האָב געדאַרפט דורכמאַכן דעם וועג צו „אָלימפּיאַ“. ס׳איז געווען קורץ פאַר דער מיטיק־שעה, ווען מיר זיינען דאָרט אַהין אָנגעקומען. איך בין באַלד צוגעפירט געוואָרן צו אַ באַאַמטן, וועלכער האָט מיין באַגלייטער מיט אַ בולטער אומצופרידנקייט געפרעגט, צי ער ווייסט נישט דערפון, אַז לויט די נייסטע פאַראָרדענונגען דאַרפן נישט דורכגעפירט ווערן קיין נייע אַרעסטן. אויף דעם האָט אים דער פּאָליציי־אַגענט געענטפערט, אַז מיין אַרעסט איז פאָרגעקומען אויפן באַ־זונדערן באַפעל פונעם קריגס־מיניסטעריום און חוץ מיר איז יענעם טאָג אין גאַנץ לאָנדאָן קיינער נישט אַרעסטירט געוואָרן. דאָס איז געווען אַ ווייטגייענדיקער אָנדייט. נאָכדעם ווי ס׳זיינען פאַרשריבן געוואָרן מיינע פּערזענלעכע דאַטן, בין איך

אָפּגעפירט געוואָרן אין אַ באַקוועם־אויסגעשטאַטן צימער, ווו איך בין פאַרגעשטעלט געפאָרן פאַרן קאָמאַנדאַנט פונעם לאַגער, לאָרד לענסבאָראָ. דער אַלטער הער איז געזעסן ביי אַ גרויסן טיש צווישן צוויי אָפיצירן און געמאַכט אַ גאָר פריינטלעכן איינדרוק. בעת מיר איז אויסגעקומען צו שטיין אַביסל אין דער זייט, האָט מיין באַגלייטער גערעדט מיט אים אין דער שטיל. ער האָט מיך אייניקע מאָל באַטראַכט מיט אַ בולטן אינטערעס, אַזוי אַז איך האָב געקאָנט זען, אַז איך בין געווען דער אָביעקט פונעם שמועס. לסוף האָט ער מיך פריינטלעך געפרעגט, צי איך וויל ווינען אינעם „רעסטאָראַן". לינדער, וועלכער האָט שוין געהאַט פאַרבראַכט אינעם „אָלימ־פּיאַ", האָט מיר שוין פריער דערציילט, וואָס אַזוינס דאָס הייסט דאָ „רעסטאָראַנט". דאָס איז געווען דער פּלאַץ פון די אַזויגערופענע „בעסערע הערן", וועלכע האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען אויסצוגעבן אַ פונט שטערלינג אַ וואָך פאַר זייער אומפריי־וויליקן אויפהאַלט אינעם „אָלימפּיאַ"־לאַגער. אַזוי ווי ס'איז פאַר מיינע פריינט איינדרויסן געווען גוט באַקאַנט דער עלנטער צושטאַנד אינעם מאַסנלאַגער פונעם „אָלימפּיאַ", האָבן אַלע, באַזונדערס לינדער, נאָך פון פריער געפּרוווט מיך איבער־צורעדן, אַז אין פאַל פון מיין אַרעסט זאָל איך זיך באַזעצן אין „רעסטאָראַנט". נאַטירלעך, אַז ס'האָט וועגן דעם נישט געקאָנט זיין קיין רייד. איך האָב דאָך געוווסט, אין וואָס פאַראַ שווערער לאַגע עס האָט זיך געפונען אונדזער באַוועגונג, און איך וואָלט עס זיך קיינמאָל נישט געווען געקאָנט מוחל זיין זיך איינצוקויפן מיין פּערזענלעכע באַקוועמלעכקייט אויפן חשבון פון מיינע חברים. איך האָב דערי־בער געענטפערט דעם קאָמענדאַנט, אַז פאַר מיר קומט דער „רעסטאָראַנט" נישט אין באַטראַכט. האָט ער לייכט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַ זאָג־געטון קורץ: „קעמפּ 12". אַ זעלנער האָט מיך איבערגענומען און מיך אָפּגעפירט. איך בין איצט אַריינ־געקומען אינעם אייגנטלעכן לאַגער, וועלכער איז באַשטאַנען פוןביידע ריזיק־גרויסע אויסשטעלונגס־סאַלאָנען פונעם „אָלימפּיאַ". אינעם ערשטן און גרעסערן פון ביידע סאַלאָנען האָב איך געזען פאַרשידענע גרופּן געפאַנגענע, וועלכע האָבן צעקלאַפּט שטיינער. יעדע גרופּע איז געווען אַרומגערינגלט מיט פיר זעלנער מיט אַרויפגעזעצטע באַגנעטן אויף זייערע ביקסן. דער גאַנצער אַרום איז געווען אָנגע־פילט מיט דינעם שטויב.

אינעם הינטערגרונט פונעם האָל זיינען געווען די צימערן פון דער אינערלעכער אַדמיניסטראַציע, וועלכע איז כימעט אויסשליסלעך געלעגן אין די הענט פון די געפאַנגענע. מ'האָט מיך פריינטלעך באַגריסט און נאָכדעם ווי מ'האָט נאָכאַמאָל אויפ־גענומען מיינע פּערזענלעכע דאַטן, האָט מען מיר איבערגעגעבן אַ נומער. נאָכדעם בין איך אָפּגעפירט געוואָרן אין צווייטן האָל, דעם אייגנטלעכן לאַגער. אַ זעלנער האָט רעווידירט מיין וואַליזע, בעת אַ סערזשאַנט איז געשטאַנען דערביי און זיך צוגעקוקט. ס'איז געווען פונקט די צייט פון מיטיק און די געפאַנגענע זיינען גע־שטאַנען אויסגעסדרט אין שורות, ביכדי צו באַקומען זייער מאָלצייט. איך בין אָפּגעפירט געוואָרן צום קעמפּ 12, ווו די געפאַנגענע האָבן גראָד געגעסן זייער מאָלצייט. פּלוצים האָב איך געהערט, ווי עמעץ רופט־אויס מיין נאָמען. דאָס איז

געווען קאַרל מויעל, אַן אַלטער באַקאַנטער מיינער און אַ מיטגליד פון דער ערשטער סעקציע פונעם „קאָמוניסטישן אַרבייטער־בילדונגס־פאַריין", וועלכער האָט מיך באַלד איבערגענומען אין זיין רשות און אויך אויסגעפועלט, אַז מ'זאָל מיר געבן אַ פּלאַץ נעבן אים.

און הגם איך האָב לגמרי נישט געהאַט קיין חשק צו עסן, האָבן מיך אָבער מיינע מיטגעפאַנגענע צוגערעדט, אַז איך זאָל גיין נעמען מיך מאָלצייט, וואָס איך האָב טאַקע געטאָן. אָבער צום עסן איז עס נישט דערגאַנגען, ווייל בעת איך האָב גאַנץ מעכאַניש געמישט אין מיין טעלער, האָט מיך פּלוצים אַ שכן ביים טיש אַ פרעג־געטאָן, צי איך האָב נישט קעגן דעם, אַז ער זאָל מיר צוהעלפן עסן מיין פּאַרציע. איך האָב דאָס לכתחילה אָנגענומען פאַר אַ וויץ און געשמייכלט, ער אָבער האָט דאָס קענטיק אָנגענומען ווי אַ צושטימונג, צוגעשאַרט צו זיך מיין טעלער און אַלעס פאַרשלונגען מיט אַ גיריקער האַסטיקייט. די גאַנצע סצענע האָט אויף מיר געמאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק. ווי גרויס איז אָבער געווען מיין דערשטוינונג, ווען איך האָב געזען, ווי אייניקע פערזאָנען האָבן צונויפגעשאַרט די איבערגעבליבע־נע רעשטן פון פרעמדע טעלערס, על־פּי־רוב שטיקלעך הויט און פעטס, און דאָס אַלעס פאַרשלונגען מיט גרויסער צופרידנהייט. ערשט דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַ־נען, אַז דער הונגער איז עס, וועלכע צווינגט אָט־די מענטשן זיך צו יאָגן נאָך די רעשטן פון פרעמדע טעלערס. ווי שטאַרק האָבן אָט־די מענטשן שוין געמוזט האָבן דורכגעליטן, ביז זיי האָבן לסוף גובר געווען יעדעס געפיל פון עקל און געפועלט ביי זיך אָוועקצוקוקן פון יעדער מענטשלעכער חשיבות. כדי זיך צו דעצידירן צו טאָן דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן.

דער נאָכמיטיק איז אַריבער מיט אַלערליי שמועסן. קאַרל האָט פאַר מיר פאַרגעשטעלט אַ גאַנצע שורה פון מיינע נייע גורל־חברים, מענטשן פון אַלע גע־זעלשאַפטלעכע קלאַסן, און איך בין שוין געווען שטאַרק צופרידן, ווען דער טאָג האָט זיך געענדיקט, וואָרן איך בין פיזיש און גייסטיק געווען אויסגעמוטשעט און זיך געגויטיקט אין רו. און ווען איך האָב ענדלעך געקאָנט אָוועקלייגן מיינע מידע גלידער אויפן עלנטן געלעגער, האָבן מיינע געדאַנקען זיך אַריבערגעטראָגן צו מיי־נע ליבע אין דער היים און ס'איז מיר געוואָרן מאָדנע וואַרעם אויפן געמיט פון געררירטקייט. דער שלאָף האָט זיך אָפּגעטאָן פון מיינע אויגן. ווי פון אַ ווייטן מהלך זיינען די נאַכטיקע גערוישן דערגאַנגען צו מיינע אויערן; קראַמפּהאַפטיק הוסטן, טעמפּע זיפצן און צווישן דעם אַלעם די געמאָסטענע טריט פון דער וואַך, דאָס סקריפּען פון די באַגנעטן און דער טעמפּער אָפּקלאַנג פון די ביקסנקאָלבעס. מיין שכן הינטער מיר האָט געשנאָרכט מיט אַזאַ מוראדיקער אויסדויערלעכקייט, אַז מ'האָט דערמיט געקאָנט אויפוועקן טויטע פון זייער אייביקן שלאָף. פון אָנהויב האָב איך געקאָנט דייטלעך אונטערשיידן יעדן גערויש, אָבער ביסלעכווייז האָט זיך אַלעס פאַרוואַנדלט אין איין אומדעפינירבאַרן כאַאָס, ווי דער משונה־מאָדנער גערויש אין אַ געמויזעכץ. ס'איז געווען אַ לאַנגע און שווערע נאַכט און ווען ס'האָט אין דער־

טונקלקייט זיך געלאָזט הערן דער סיגנאַל אויפצושטיין בין איך נאָך אַלץ געלעגן מיט אָפענע אויגן אויף מיין געלעגער.

אַזוי זיינען אַריבער די ערשטע טעג, ביז מ'האָט מיר געמאָלדן מיליס ערשטן באַזוך, צוזאַמען מיט מיין פריינט אַלעקסאַנדראָוויטש. אָך, די דאָזיקע באַזוכן! ס'וואָלט מיר שוין געווען פיל ליבער, ווען ס'וואָלט מיר אינגאַנצן געווען איינגעשפּאָרט געוואָרן אָט־די נשמהדיקע פּיין. די אָרעמע פרויען האָבן געמוזט שטיין שעהנלאַנג אינדרויסן, אויסגעשטעלט צו דער אומברחמנותדיקייט פונעם וועטער, און וואַרטן, ביז ס'וועט קומען זייער ריי. נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז אַ סך פון זיי האָבן געמוזט אַוועקגיין צוריק אַהיים, נישט האָבנדיק געזען זייערע מענער, ווייל ביז ס'איז געקומען זייער ריי, איז שוין געווען אַריבער די באַשטימטע צייט פון די באַזוכן. פאַר די וויזיטן גופא איז געווען אָנגעצייכנט בלויז דריי מינוט. מ'האָט קוים גע־האַט צייט זיך צו געבן די האַנט און שוין איז די צייט געווען אַריבער און אַלעס איז פאַרשווונדן ווי אַ פאַטאַ מאָרגאַנאַ אין דער מידבר. שוין דער בלויזער אָנבליק פון די גרויסע צאָל זעלנער מיט די אַרויפגעשטעלטע באַגנעטן האָט אויף די אָרעמע פרויען געמוזט מאַכן אַ ממש דערשלאָגנדיקן איינדרוק. אָן אָפיציר האָט אונטער־געהערט דעם שמועס, וועלכער האָט געמוזט געפירט ווערן אין דער ענגלישער שפּראַך. מילי האָט קוים געהאַט צייט מיר צו לאָזן וויסן דאָס סאַמע נויטיקסטע. אינדרויסן איז אַלעס געווען אין דער בעסטער אָרדענונג. די חברים האָבן תיכף איבערגענומען מיין פאַל אין זייערע הענט און זיי באַמיען זיך פאַר מיין באַפרייונג. דער ווילער אַלעקסאַנדראָוויטש איז אפילו געווען פעסט איבערגעצייגט, אַז אין משך פון אַ וואָך צייט וועל איך ווידער זיין אין דער היים. ביטחון איז האַלבע דערלייזונג. אָבער איך האָב געפילט, אַז די פריינט מיינע אינדרויסן דאַרפן אים נויטיקער האָבן ווי איך אַליין.

דער „אָלימפּיאַ“־לאַגער איז באַשטאַנען פון צוועלף קעמפּס, וועלכע זיינען געווען פונאַנדערגעטיילט צווישן זיך דורך שווערע, גראָבע שטריק פון שיפן. אין יעדן קעמפּ זיינען געווען אינטערנירט פון 100 ביז 150 געפאַנגענע. און הגם ס'איז די אינטערנירטע פון די פאַרשידענע קעמפּס נישט געווען דערלויבט זיך קעגנזייטיק צו באַזוכן, האָט מען אָבער שפּעטער נישט גענומען ערנסט אָט־די פונקט אַזוי צוועק־לאָזע ווי אומזיניקע פאַראָרדענונג. דער גאַנצער לאַגער מאַכט אויפן באַזוכער דעם טרויעריקסטן איינדרוק, וואָס מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. אַלעס איז דאָ אומעטיק און גרוי, האָפענונגסלאָז און טריב. דער אָנבליק פון דער נאַסער גרעט, וועלכע איז אומעטום געווען אויסגעהאַנגען, ווייל ס'איז קיין ספּעציעלער פּלאַץ פאַר דעם נישט געווען, האָט דעם גאַנצן געזאַמל געגעבן אַ נאָך האָפענונגסלאָזערן אויסזען. דער גאַנצער פּלאַץ איז ביכלל נישט געווען צוגעפּאַסט פאַרן אויפהאַלט פון מענטשן. די לופט איז תמיד געווען פאַרפּעסטעט. צו די ריחות פון דער גרויסער צאָל מענטשן איז נאָך צוגעקומען דער ריח־ביחוח פון די קלאָזעטן, וועמענס אָפענע אַריינגאַנגס־טירן זיינען געווען טאַקע אין זעלביקן אַלגעמיינעם סאַלאָן און זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרמאַכט ווערן.

דער קלאָזעט האָט געהאַט פינף בית־הכיסות און צען פּלעצער צו לאָזן די השתנה; דערצו האָבן זיך אויך דאָרט געפונען די איינריכטונגען צום וואַשן און זיי זיינען באַשטאַנען פון בסך־הכול פינף וואַשבעקנס פאַר 1.200 פּערזאָן. און היות די פינף קלאָזעטן זיינען נאַטירלעך נישט געווען גענוג פאַר אַזויפיל מענטשן, איז דאָסדאָזיקע אָרט פאַקטיש טאָג און נאַכט געווען באַלאַגערט און זיך שטענדיק געפונען אין אַ ממש שרעקלעכן צושטאַנד. ביכדי נישט צו דערלאָזן צו אַ שטאַרקן אָנגעלויף, זיינען נעבן אַריינגאַנג געשטאַנען צוויי זעלנער מיט אַרויפגעשטעלטע באַגנעטן אויף די ביקסן. בעת איינער פון זיי האָט געפרעגט יעדן געפאַנגענעם, וואָס אַזוינס ער דאַרף טאָן אין קלאָזעט, איז אויפן אַנדערן אויסגעפאַלן די אָנגענעמע שליחות אינעם קלאַסישן זעלנערישן ענגליש אונטערצוטרייבן יענע, וועלכע האָבן פאַרנומען אַן אָרט אינעם קלאָזעט, און טאָמער איז נויטיק געווען — אויך נעמען צו הילף דעם באַגנעט פאַרן זעלביקן צוועק. קורץ, ס'האָבן אין דעם פּרט געהערשט ממש אידילישע צושטאַנדן.

דאָס ערגסטע איז געווען דאָס, וואָס די געפאַנגענע זיינען קיינמאָל נישט אַרויסגעקומען אינדרויסן, צו קאָנען אָטעמען אַביסל פרישע לופט. במשך פונעם גאַנצן טאָג האָבן מיר זיך געפונען אינעם זעלביקן לאָקאַל, וועמעס טוכלע, פאַרדומפּענע און דערווידערלעכע אַטמאָספער האָט דערמאָנט אין סיבירישע תפיסות. ס'זיינען אפילו יעדן נאָכמיטאָג געווען אַזויגערופענע „שפּאַצירן", אָבער זיי זיינען פאָרגעקומען אינעם גרויסן פאָדערשטן פּלאַץ, ווו מ'האָט דעם גאַנצן טאָג געקלאַפּט שטיינער. די געפאַנגענע האָבן זיך אויסגעשטעלט קאָמפּאַניעווייז און זיי האָבן מאַרשירט אין זעלנערישן טעמפּאָ איבערן גרויסן לאָקאַל און דערביי זיך אונטערגעהאַלטן מיט די געוויינלעכע פאַטריאָטישע לידער. אין בלויז ווינציק מינוט נאָכן אָנהויבן דעם „שפּאַציר", איז דער גאַנצער „האָל" געווען איינגעהילט אין אַ גרויען וואָלקן פון שטויב. און אַזוי ווי ס'איז צווישן ביידע זאַלן נישט געווען קיין פאַרמאַכטע טיר, האָט זיך דער דינער שטויב אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַגער און זיך גיריק אַריינגעגראָבן אין די לונגען.

דער קעמפּ 12, אין וועלכן איך האָב זיך געפונען, האָט געהאַט די זכיה צו געניסן פון געוויסע פּריווילעגיעס און ער איז דעריבער פון די אַנדערע געפאַנגענע באַצייכנט געוואָרן ווי די לאָרדן־קאַמער. די אינטערנירטע אין יענעם קעמפּ זיינען אין אַלגעמיין באַהאַנדלט געוואָרן בעסער און קיין זעלנער האָבן זיך צו זיי נישט דערנענטערט. זיי זיינען, חוץ דעם, געווען פריי פון יעדער געצוווּנגענער אַרבעט און געהאַט זייערע אייגענע שטרויענע מאַטראַצן. ביכדי ווי געהעריק צו קאָנען אָפּשאַצן אָט־די פּריווילעגיעס, איז נייטיק צו זאָגן עפּעס מער וועגן די אַלגעמיינע באַדינגונגען אינעם לאַגער.

די באַהאַנדלונג פון די געפאַנגענע איז געווען אַ זייער גראָבע. ס'האָבן אויך נישט געפעלט קיין געמיינע זידלערייען און איך אַליין האָב באַמערקט, אַז געפאַנגענע זיינען פון די זעלנער געשטויסן געוואָרן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן אָדער אויף אַן אַנדערן אופן באַהאַנדלט געוואָרן שלעכט. און פונדעסטוועגן האָבן

מיר אַלע אָן אויסנאַם עלטערע אינטערנירטע אין אָט־דעם גיהנום פֿאַרזיכערט, אַז דווקא אין אָט־דעם פּרט איז פֿאַרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג צום בעסערן. חוץ די געוויינלעכע אַרבעטן אויפֿצוהאַלטן די ריינקייט פֿונעם לאַגער, זיינען די געפֿאַנגענע געצוווּנגען געוואָרן אייניקע שעה אין טאָג צו צעקלאַפּן שטיינער. אָט־דער איינפֿיר איז אַפֿילו קעגן די באַשטימונגען פֿונעם גענפֿער אָפּמאַך, וועלכער באַפֿרייט ציווילע געפֿאַנגענע פֿון יעדער געצוווּנגענער אַרבעט. אָבער פֿעלקעררעכטלעכע באַ־שטימונגען זיינען אין יענער צייט באַטראַכט געוואָרן בלויז ווי שטיקלעך אשר־יצר־פּאַפּיר. געפֿאַנגענע, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט טאָן אַזעלכע אַרבעטן, זיינען פּשוט און פּראָסט געשלאָסן געוואָרן אין קייטן און זיי האָבן געמוזט צוועלף שעה צייט שטיין נעבן אַ מויער, מיטן פּנים צו דער וואַנט. אַ זעלנער האָט געהאַלטן וואַך נעבן די פֿאַרמישפּטע, כדי אַכטונג צו געבן, אַז זיי זאָלן זיך נישט רירן פֿון זייערע פּלעצער, נאָר שטיין באַוועגונגסלאָז די גאַנצע צייט. געפֿאַנגענע, וועלכע האָבן געמוזט דורכמאַכן אָט־די אכזריותדיקע שטראָף, האָבן מיך איינשטימיק פֿאַר־זיכערט, אַז אַזאַ שטראָף איז אַן אמתע פּיינלעכע אָפּקומעניש.

אַלע געפֿאַנגענע, מיטן אויסנאַם פֿון די אינטערנירטע אינעם קעמפּ 12, האָבן געמוזט צונויפֿטראָגן זייערע שטרויענע מאַטראַצן יעדן פֿרימאָרגן אין אַ געוויסן ווינקל פֿונעם לאַגער און יעדן אָוונט זיי ווידער צונעמען פֿון דאָרט. דער רעזולטאַט פֿון אָט־דער אומזיניקער פֿאַראָרדענונג, וועלכע קאָן באַצייכנט ווערן בלויז ווי אַ פּשוטע שיקאַנע, איז געווען, אַז די געפֿאַנגענע האָבן יעדע נאַכט געמוזט שלאָפֿן אויף אַן אַנדערן שטרויזאַק. ווי אַזוי דער דאָקטאָר איז איינגעגאַנגען אויף אַזאַ פֿאַראָרדענונג, וועלכע איז אַ חוזק אויף אַלע סאַניטאַרע באַדינגונגען, איז פֿאַר מיר שטענדיק גע־בליבן אומפֿאַרשטענדלעך.

ווען איך בין אָנגעקומען אין „אָלימפּיאַ“, האָבן זיך די דערנערונגס־פֿאַרהעל־טענישן שוין געהאַט באַדייטנדיק פֿאַרבעסערט. דערפֿון האָט מען זיך געקאָנט משער זיין, אַז פֿון אָנהויב האָבן זיי געמוזט זיין גרויליקע. אָבער אויך איצט זיינען זיי נאָך געווען גענוג שלעכט. האַלב זיבן אַזייגער אינדערפֿרי האָט יעדער איינער באַקומען אַ טעפּעלע פֿון עפּעס אַזאַ מין אומבאַשטימטער עקלהאַפֿטיקער יושקע, וועגן וועלכער קיינער האָט נישט געקאָנט זאָגן, פֿון וואָס זי איז באַשטאַנען. צוויי מאָל האָב איך געפּרוּווט צו טרינקען פֿון אָט־דער פֿאַסקודסטווע, אָבער דער טעם איז געווען אַזאַ אָפּשטויסנדיקער, אַז איך האָב שוין אַפֿילו מער נישט געוואָלט פּרוּוון. צו דעם האָט יעדער איינער באַקומען דריי דינע פּענעצלעך ברויט, אויף וועלכע די מאַרגאַרינע איז געווען אַרויפֿגעשמירט מיט אַזאַ „שפּע“, אַז אַפֿילו מיט אַ מיק־ראָסקאָפּ וואָלט מען זי נישט געקאָנט אַנטדעקן. דאָס ברויט גופֿא איז געווען לגמרי געשמאַקלאָז און ווי געמאַכט פֿון גיפּס.

דאָס מיטיקדיקע מאָלצייט איז באַשטאַנען פֿון פֿלייש, געמיזע און קאַרטאָפֿל און איז על־פּי־רוב געווען צוגעגרייט גאַנץ געשמאַקהאַפֿטיק. די איינציקע צרה איז נאָר געווען דאָס, וואָס די פּאָרציעס זיינען געווען צו קליין און וואָס נאָכדעם האָט מען גאָרנישט געטאָרט עסן. פֿינף אַזייגער נאָכמיטיק האָבן די אינטערנירטע באַקומען

אַ דריט מאַלצייט, וואָס איז געווען געווען גענוי ענלעך צום פּרימאַרגנדיקן אָנבייסן. מענטשן, וועלכע האָבן נישט באַקומען קיין אונטערשטיצונג פון דרויסן, זיינען קיינמאָל נישט געווען אימשטאַנד זיך אָנצועסן צו זעט. אגב איז דאָס באַקומען דאָס עסן תמיד געווען פאַרבונדן מיט כסדרדיקע דערנידערונגען. די אינטערנירטע האָבן זיך גע־מוזט אויסשטעלן אין שורות און ביי יעדן מאָל פאַרביימאַרשירן צווישן צוויי רייען זעלנער, וועמעס אַרויפגעזעצטע באַגנעטן האָבן אָפּט אָנגערירט די פּנימער פון די פאַרבייגייענדיקע געפאַנגענע. מיט אָט־דער לחלוטין אומזיניקער פּראָצעדור, וועלכע האָט זיך איבערגעחזרט דריי מאָל טעגלעך, איז מען אויגנשיינלעך אויסן געווען צו לאָזן מערקן די געפאַנגענע ביי יעדער געלעגנהייט זייער רעכטלאָזע און מענטשן־אומווירדיקע סיטואַציע. קיין אַנדערע דערקלערונג דערפאַר איז נישט לייכט צו געפינען. דאָס פאַרזאָרגן די געפאַנגענע האָט די רעגירונג איבערגעגעבן דער באַ־קאַנטער פירמע „ליאָנס עט קאָ", וועלכע האָט דערביי געמאַכט אַ גלענצנדיק גע־שעפט. דידאָזיקע פירמע האָט געלאָזט וויסן עפנטלעך דורך די צייטונגען, אַז זי באַשעפטיקט נישט קיין איין דייטש אָדער עסטרייכער. אינדעראמתן אָבער האָט זי אין „אָלימפּיאַ"־לאַגער באַשעפטיקט בלויז דייטשע קיכער און קיך־פּערסאָנאַל, וועמען זי האָט פאַר זייער אַרבעט געצאָלט די מיזעראַבלסטע שכירות.

אינעם ריזיקן „אָלימפּיאַ"־לאַגער האָט אין די ווינטערדיקע חדשים געהערשט אַן אייזיקע קעלט, מחמת אין די זאַלן איז קיינמאָל נישט געהייצט געוואָרן און דער ווינט האָט זיך אַריינגעריסן דורך אַן אַ שיער לעכער און שפּאַלטן און געבלאָזן אומעטום, אַזוי אַז קיינער האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך צו באַשיצן. דער פאַל איז געווען פון אַספאַלט און אַזוי ווי די שטרויזעק זיינען אַוועקגעלייגט געוואָרן דירעקט אויף דער ערד, איז אויך ביינאַכט נישט געווען קיין באַשירעמונג קעגן דער אומברחמנותדיקער קעלט. מ'האָט אפילו שפּעטער געפּרוווט פאַרבעסערן די לאַגע דערמיט, וואָס מ'האָט אונטערגעלייגט ברעטער אונטער די שטרויזעק, אָבער דאָס האָט גענומען אַזוי פיל צייט, אַז שוין אפילו דעמאָלט, ווען „אָלימפּיאַ" איז לסוף אויפגעגעבן געוואָרן ווי אַ לאַגער, האָט אַ גרויסער טייל פון די געפאַנגענע נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין ברעטער אונטערצולייגן אונטער די שטרויזעק. דער רעזול־טאַט איז געווען, אַז דער גרויסער רוב פון די געפאַנגענע האָט כסדר געליטן פון כראָנישן הוסט און קאַטאַר, וואָס דאָס איז באַזונדערס געווען אומאָנגענעם און די נעכט. און דערצו איז נאָך צוגעקומען אַן אַנדערע צרה: דאָס פאַסקודנע ברויט האָט כימעט ביי אַלע געפאַנגענע פּראָוואָצירט כסדרדיקע שוועריקייטן אין דער פאַר־דייונג. דער איינציקער דאָקטאָר פונעם לאַגער האָט דעריבער געזוכט צו העלפן אין אָט־דער צרה דורך געבן אַלעמען שטאַרקע אָפּפירמיטלען. אַזוי אַרום האָט פּאַסירט, אַז אַ העלפט פון די לאַגער־באַוווינער האָט כימעט שטענדיק געליטן פון מאָגן־פאַרשטאָפּונג און די אַנדערע העלפט — פון לויז־לייביקייט. דער בלויזער געדאַנק קראַנק צו ווערן אין אָט־דעם גיהנום האָט אָנגעפילט מיט פּחד.

נאַטירלעך איז אויך אין „אָלימפּיאַ" געווען אַ שפּיטאָל אָדער אַזעלכעס, וואָס מ'האָט אַזוי אָנגערופן. ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל באַטראַכט אָט־דעם לאָקאַל,

האָבן זיך מיר די האָר געשטעלט קאַפּויר. דאָס אַזויגערופענע שפּיטאָל האָט זיך גע־פונען אינעם זעלביקן זאַל, וועלכער האָט געדינט פאַר די געפאַנגענע ווי אַ ווינאַרט און איז געווען אָפּגעטיילט פונעם לאַגער דורך אַ שפּאַניש ווענטל פון אַנדערהאַלבן מעטער די הויך. דאָס גאַנצע מעבל פון אָט־דעם אָרט איז באַשטאַנען פון אַן אַלטן צעבראָכענעם בעטל, וועלכעס האָט געהאַט בלויז דריי פיס. דער פערטער פיס איז געווען פאַרביטן דורך אייניקע אונטערגעלייגטע ציגל. חוץ דעם איז אין אָט־דעם אומהיימלעכן פלאַץ נאָך געווען דריי הילצערנע געלענדערס. אַ קלעגלעכער בילד איז זיך געווען שווער אויסצומאָלן. ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז אין אַזאַ מאַסנלאַגער האָט דער געטומל קיינמאָל נישט אויפגעהערט. דער כסדרדיקער רעש און טומל אין משך פון גאַנצן טאָג האָט אפילו ביי אַ געזונטן מענטשן געמוזט אָנגרייפן די נערוון, און ווען ס׳איז לסוף צוגעפאַלן די נאַכט, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לעסטיקע הוסטן און קרעכצן. פון דעם אַלעם געזאָגטן קאָן מען זיך פאַרשטעלן דעם צושטאַנד פון די אומגליקלעכע קראַנקע, וועלכע האָבן אפילו קיין איין מינוט נישט געהאַט קיין רו. זיי זיינען געווען געצווונגען אַריינצואָטעמען אין זיך די זעלביקע מיט באַצילן פאַרפעסטעטע לופט ווי אַלע אַנדערע אינטערנירטע און זיי זיינען די גאַנצע טעג און נעכט געווען אויסגעשטעלט אויפן אומרו פונעם לאַגערלעבן. איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט באַגרייפן, אַז ס׳האָט זיך געקאָנט״ געפינען עמעצער, וועלכער זאָל ביי אַזעלכע גרויליקע אומשטענדן האָבן דעם טרויעריקן מוט צו קאָנען שפּילן די קאָמעדיע ווי אַ דאָקטאָר. בלויז אין גאַנץ זעלטענע פאַלן, ביי האָפענונגסלאָזע פּאַציענטן, האָט פּאַסירט, אַז מ׳זאָל עמעצן אַוועקפירן אין אַן אמתן שפּיטאָל.

חוץ דעם אַזויגערופענעם שפּיטאָל איז אין „אָלימפּיאַ״ געווען נאָך אַ פינצטער ווינקל, וועלכעס איז פון די געפאַנגענע באַצייכנט געוואָרן ווי דאָס „טריפּערווינקל״ און איז פונעם איבעריקן טייל פון לאַגער געווען אָפּגעטיילט בלויז דורך אַ שטריק. אין אָט־דעם ווינקל זיינען געלעגן די געשלעכטס־קראַנקע. צווישן זיי האָבן זיך אין צייט פון מיין אויפהאַלט דאָרט געפונען פינף הויכגראַדיקע סיפיליטיקער. און טאָמער איז געווען ווייניק, וואָס אָט־די קראַנקע האָבן זיך געפונען אינעם זעלביקן לאַגער־לאָקאַל, איז עס אָבער געווען אומדערהערט, אַז זיי האָבן אויך געמוזט באַנוצן דיזעלביקע פינף קלאָזעטן און ערטער צום וואַשן, וואָס דער רעשט פון די געפאַנ־גענע. דאָס איז אויך געווען דער פאַל בנוגע די אַנדערע קראַנקע, וועלכע פלעגן ביי יעדן מאָל פון צוויי מאָן געבראַכט ווערן צו טראָגן אין קלאָזעט אַריין.

אינעם אַזויגערופענעם טריפּערווינקל זיינען געלעגן נאָר יענע ווענערישע קראַנקע, וועלכע האָבן זיך אַליין, פרייוויליק, אָנגעגעבן ווי קראַנקע. וויפל פון די אינטערנירטע, וועלכע זיינען אויך געווען קראַנק פון דיזעלביקע מחלות, האָבן דאָס נישט געטאָן! ווייל וויסן דאַרף מען, אַז וועגן אַן אַלגעמיינער מעדיצינישער אונטערזוכונג האָט מען אין „אָלימפּיאַ״ לחלוטין נישט געוווסט. קעגן אָט־דער גאַנ־צער לאַגע זיינען מיר געווען גענצלעך הילפלאָז. מחמת מיר זיינען געווען אַרויסגע־שטויסענע, מיחוץ־למחנה שטייענדיקע, וועמען מ׳זאָגט־אָפּ אַלע רעכטן, וועלכע מ׳גיט אפילו די געפערלעכסטע פאַרברעכער. און אונדזער פאַרברעך איז באַשטאַנען

אין דעם, וואָס מיר האָבן דערזען דאָס ליכט פון דער וועלט אין אַן אַנדערער מדינה און פאַר אַזאַ „חטא" איז אין יענער צייט פון מאַסן־משוגעת נישט געווען קיין פאַרגעבונג.

אין דער העלפט פון חודש דעצעמבער האָט מיך באַזוכט מיין ענגלישער פריינט דזשאָן טוירנער. ער איז געווען שטאַרק האַפערדיק בנוגע מיר און מיך פאַרזי־כערט, אַז איך וועל באַלד באַפרייט ווערן. טוירנער האָט מיר דערציילט, אַז דזש. אָ'גריידי, דער פאַרלאַמענטאַרישער פאַרטרעטער פון לידז, און וו. א. אַפּעלטאַן, דער סעקרעטאַר פון דער אַלגעמיינער פעדעראַציע פון די טרייד־יוניאָנס אין ענגלאַנד, וועלכע האָבן מיך ביידע געקענט פּערזענלעך, זיינען ביידע אַרויסגעטראָטן ווי ערב־ניקעס פאַר מיר, ביכדי אויסצופועלן מיין באַפרייונג. קראָפּאָטקין האָט צו אַפּעלטאַ־נען געשריבן אַ לאַנגן און זייער וואַרעמען בריוו, אין וועלכן ער האָט פאַר אים אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן מיין פּערזאָן און אים אָנגעוויזן אויף דער אומזיני־קייט פון מיין אַרעסט. חוץ דעם האָט זיך דער ווילער אַלטיטשקער געווענדט וועגן מיין פאַל צו אַ ליבעראַלן פאַרלאַמענט־מיטגליד, אויף וועלכן ער האָט געלייגט אַ סך האָפענונגען. דאָס אַלעס האָט מיר טוירנער דערציילט און מיך פאַרזיכערט, אַז די חברים לאָזן נישט דורך קיין שום מיטל אויסצופועלן מיין באַפרייונג. אין דעם האָב איך אפילו קיין איין אויגנבליק נישט געצווייפלט. וואָס מיך האָט געמאַכט סקעפּטיש, זיינען געווען אַנדערע סיבות. איך בין אַרעסטירט געוואָרן אויף אַ ספּע־ציעלן באַפעל פונעם קריגס־מיניסטער און דאָס אין אַ צייט, ווען אַלע וויטערדיקע אינטערנירונגען זיינען דערוויל געווען אָפּגעשטעלט. און ווען אפילו די פּאָליטישע פּאָליציי האָט געהאַט אַ האַנט אין דעם, איז אָבער געווען גענצלעך אויסגעשלאָסן, אַז זי האָט געקאָנט האָבן אַ חשד אויף מיר, אַז איך זאָל שטיין אויף דער זייט פון דער דייטשער רעגירונג, ווייל ס'איז איר דאָך גאַנץ גוט באַקאַנט מיין גאַנצע פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט.

אפילו היינט נאָך בין איך פעסט איבערצייגט, אַז איך וואָלט זיך זיכער געווען אויסגעהיט פונעם אַרעסט, ווען איך וואָלט געווען געקאָנט פועלן ביי זיך צו מאַכן וועלכע ס'איז קאָנצעסיע דעם אַליאירטן צד אין דער מילחמה. אָבער דווקא דאָס האָב איך נישט געקאָנט פועלן ביי זיך. איך בין טאַקע געווען פעסט איבערגעצייגט, אַז די הויפּטשולד פאַר דער מילחמה פאַלט אויף דייטשלאַנד, אָבער דאָס איז פאַר מיר נישט געווען קיין גענוגנדיקער מאָטיוו אונטערצושטיצן דעם קעגנערישן צד. איך האָב מיין קוק אויף אָט־דעם עינין אַרויסגעבראַנגט אין דער עפנטלעכקייט אָפן און פריי אין אייניקע אַרטיקלען און ספּעציעל אין דער פּאָלעמיק מיט מיין אַלטן פריינט קראָפּאָטקין און אין דעם איז, לויט מיין מיינונג, געלעגן דער גאַנצער סוד פון מיין אַרעסט. איך בין אינטערנירט גע'וואָרן נישט דערפאַר, וואָס איך בין געווען אַ דייטש, נייערט דערפאַר, ווייל איך האָב נישט געוואָלט אָפּזאָגן זיך פונעם רעכט אַרויסצוברענגען אין דער עפנטלעכקייט מיין איבערצייגונג אין אַ צייט, ווען שווייגן איז טאַקע לויבאַרער, אָבער אויך פחדנותדיקער. נאָכדעם ווי איך האָב פאַר זיך אַליין גוט קלאָר געמאַכט אָט־די אַלע אומשטענדן, בין איך געקומען צו דער איבער־

צייגעניש, אַז אומפּרובפּעריקע אילוזיעס זיינען אין מיין פאַל נישט אויפן ריכטיקן פּלאַץ. אָבער איך האָב זיך פונדעסטוועגן צוליב דעם לגמרי נישט געפילט דער־שלאָגן. געפאַנגענשאַפט איז טאַקע נישט קיין אַנגענעמער עינין, און ביי די עקזיס־טירנדיקע אומשטענדן איצט — אפילו נאָך ערגער ווי אַ געוויינלעכער אַרעסט, פונדעסטוועגן האָב איך געפילט, אַז איך האָב בלויז געטאָן מיין פליכט און איך האָב באַטראַכט מיין ווייטערדיקן גורל מיט אַ געוויסן פילאָזאָפישן פאַטאַליזם.

איך האָב דאָ געמאַכט אַ גרויסע צאָל נייע באַקאַנטשאַפטן. צום מיינסטנס האָבן מיך נאַטירלעך אינטערעסירט די אַלטע באַוווינער פון „אָלימפּיאַ". אַ סך פון די ערשטע קרבנות פון די מאַסנאַרעסטן האָבן נאָך פאַר מיין אָנקום געהאַט פאַרלאָזן דעם לאַגער און זיינען טיילוויז אָפּגעשיקט געוואָרן אינעם קעמפּ ניובארי. און טיילוויז אָפּגעפירט צו די שיפן קיין סאַוטהענד; אָבער פונדעסטוועגן איז די צאָל פון די איבערגעבליבענע נאָך אַלץ געווען גענוג גרויס. די געשיכטע פון אָט־די אָרעמע מענטשן איז געווען אַ פשוט מאַרטירערטום און אָפּקומעניש. דער גרויסער רוב פון די אַרעסטירטע זיינען געווען מענטשן פונעם אַרבעטערשטאַנד, וועלכע זיינען אינמיטן דער נאַכט אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די בעטן און אָפּגעפירט אינעם נאָענטסטן פּאָליצײ־צירקל. פון דאָרט זיינען זיי אין פשוטע וועגענער אָדער מיט וואָס ס'האָט זיך געלאָזט געבראַכט געוואָרן אין „אָלימפּיאַ"־לאַגער, וו ס'זיינען נישט געהאַט געמאַכט געוואָרן אפילו די פּשוטסטע צוגרייטונגען פאַר זייער באַ־קוועמלעכקייט. אין דער ערשטער צייט זיינען נישט געווען קיין שטרויזעק צום אונטערלייגן און נישט קיין דעקן צום צודעקן זיך און די קרוב צוויי טויזנט אַרעס־טירטע האָבן אין משך פון וואָכן געמוזט שלאָפן אויף דער ברודיקער פּאָדלאָגע, ביז מ'האָט זיי באַזאָרגט מיט שטרויזעק און קאָלדרעס.

די זעלנער פון דער „אײריש גואַרד", וועמען מ'האָט אין דער ערשטער צייט איבערגעגעבן די באַוואַכונג פון די אַרעסטירטע, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט באַ־זונדערער גראָבקייט. שטויסן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן, פּעטש אין פּנים און קאָפּעס האָבן באַלאַנגט צו די טאָגטעגלעכע דערשיינונגען. די זעלנער זיינען דורך זייערע העכערראַנגיקע דירעקט אָנגערייצט געוואָרן צו אָט־דער נידערטרעכטיקער באַהאַנדלונג פון אומבאַשיצטע מענטשן. גאָר באַזונדערס האָט זיך אין דעם פּרט אויסגעצייכנט דער סערזשאַנט־מאַיאָר, אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר פון אַ רויען און ברוטאַלן סוביעקט, אונטער וועמעס טעראָר־רעזשים די געפאַנגענע האָבן געלעבט אין אַן אמתן גיהנום. אָט־דער אוממענטש האָט באַליידיקט די אומגליקלעכע געפאַנ־גענע אויפן פּחדימדיקסטן אופן און זיי געפייניקט אָן יעדער סיבה. דאָס איינציקע מיטל, וועלכעס איז קיינמאָל נישט דורכגעפאַלן צו האָבן אַ פּעולה ווייך צו מאַכן די בלינדע רישעות פון אָט־דעם קאַניבאַל, איז געווען געלט. פאַר געלט האָט ער באַזאָרגט די אַרעסטירטע מיט אַלע מעגלעכע באַקוועמלעכקייטן און טובות, זיי באַפרייט פון אַרבעט, אַרויסגעשמוקלט פונעם לאַגער בריוו הינטערן רוקן פונעם צענזאָר און אפילו צוגעשטעלט צייטונגען צו די אינטערנירטע, וועלכע האָבן געקאָנט צאָלן, אַלץ זאַכן, וועלכע זיינען פאַר די פאַרהאַלטענע געווען שטרענג פאַרווערט.

לויטן טיטל איז טאַקע לאָרד לענסבאָראָ געווען קאָמאַנדאַנט פונעם לאַגער, אָבער די געפאַנגענע איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען אים צו זען. דער אמתער צענטער, אַרום וועלכן ס'האָט זיך אין „אָלימפּיאַ" אַלעס געדרייט, איז געווען דער סערזשאַנט־מאַיאָר. יעדער אָנקלאָג, וועלכע איז איבערגעשיקט געוואָרן צום קאָ־מאַנדאַט, איז דורכגעגאַנגען דורך די הענט פונעם רויען פאַרשוין. גאָרנישט־זאָגנ־דיקע בקשות, וועלכע זיינען געקומען באַגלייט מיט אַ שילינג, האָבן געווינלעך דערגרייכט זייער ציל. אָבער ווען אַזאַ בקשה האָט אַנטהאַלטן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אינעם לאַגער־טיראַנס חשבונות, האָט ער דעם בריוו פּשוט און פראַסט געוואָרפן אין פּנים אַריין פון דעם, וואָס האָט זי צוגעשטעלט, און געזאָגט מיט חוזק: „וויש דיר אָפּ דערמיט דעם ט...!" ביי אַזעלכע אומשטענדן איז נישט פאַראַן וואָס צו חידושן זיך, וואָס אָט־דער קאַפּריזנער פאַרשוין האָט אויך יעדער ווענדונג צו אים מכוח די שרעקלעכע סאַניטאַרע קאָנדיציעס אינעם לאַגער געענטפערט מיט אָט־די ווערטער: "We are onle responsible for your bodies, but not for your lives!" (מיר זיינען פאַראַנטוואָרטלעך נאָר פאַר אייערע גופים, אָבער נישט פאַר אייער לעבן!).

זיכער האָט מען לאָרד לענסבאָראָ נישט געקאָנט מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אַלע אומבאַשרייבלעכע צושטאַנדן אין „אָלימפּיאַ". די מאַסנאַרעסטן, וועלכע זיינען פון דער רעגירונג דורכגעפירט געוואָרן אונטערן דרוק פון דער געלער פּרעסע, הגם מ'האָט נישט געהאַט געמאַכט די מינדסטע צוגרייטונגען פאַר דעם, וואָלטן אפילו דעם גרעסטן אָרגאַניזאַטאָרישן גאון געווען געשטעלט אין אַ פאַרלעגנ־הייט. מ'מעג זיך אויך משער זיין, אַז ער האָט לגמרי גאָרנישט געוווסט וועגן די געמיינהייטן פון זיין ערשטן סערזשאַנט. אָבער עפּעס וועגן דעם, וואָס ס'האָט פּאַ־סירט, איז דאָך מיסתמא אין משך פון דער צייט יאָ אָנגעקומען צו אים, וועלכעס האָט אים געדאַרפט באַוועגן זיך אַריינצומישן. ער האָט דאָך געקאָנט באַשיצן אומ־באַהאָלפענע און אומבאַשיצטע אַרעסטאַנטן פון דער באַליידיקונג און דערנידע־ריקונג פון אַ רויען פאַרשוין און זיינע צוהעלפער. ער האָט עס אָבער נישט געטאָן. וואַרשיינלעך האָט ער באַרואיקט זיין געוויסן דערמיט, וואָס פאַר די „הונען" איז דאָס ערגסטע נאָך אַלץ צו גוט.

וואָס מיר האָט צום שטאַרקסטן געריפן די אויפמערקזאַמקייט ביי מיין אָנקום אין „אָלימפּיאַ" איז געווען די מאָדנע געמיט־שטימונג פון מיינע מיטגעפאַנגענע. בלויז וויניק פון זיי זיינען נישט געווען אַרומגעכאַפּט פון אַ ממש היסטערישן פּאַטריאָטיזם, וועלכער האָט אָפּט אָנגענומען גאַנץ גראָטעסקע פאָרמען. קיינמאָל פאַר דעם האָב איך נישט געהערט זינגען „די וואַכט אם ריין" אָדער דאָס ליד „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס" מיט אַזאַ קראַנקהאַפטיקער התלהבות ווי אין אָט־דעם אָרט פון טעמפּן צער און נשמהדיקער פּיין. אָט־די דערשיינונג האָט מיך לכתחילה איבערגעראַשט, ווייל איך האָב פון דערפאַרונג געוווסט, אַז דער פּאַטריאָ־טיזם באַלאַנגט דווקא נישט צו די שטאַרקע זייטן פון די דייטשן אין אויסלאַנד. ערשט מיט דער צייט איז עס מיר קלאָר געוואָרן, ווו ס'דאַרף געזוכט ווערן

דער אמתער באַשייד פאַר אָט־דער מאָדנער שטימונג. דער גרעסטער רוב פון די אינטערנירטע איז באַשטאַנען פון פשוטע אַרבעטער און קליינע סוחרים, וועלכע זיינען פּלוצים, מיטאַמאָל, מיט ברוטאַלער געוואַלט, אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע באַשיידענע לעבנס־פאַרהעלטענישן. נישט רעדנדיק וועגן בלויז איינציקע אויסנאַמען, איז דער רוב געווען רואיקע און אָרנטלעכע מענטשן, וועלכע זיינען קיינמאָל נישט געקומען אין צוזאַמענשטויס מיט די ענגלישע געזעצן און וועלכע קיין שום לאָגישער מענטש האָט נישט געקאָנט חושד זיין, אַז זיי זיינען געשטאַנען אין דינסט פון דער דייטשער רעגירונג. אַ סך פון זיי האָבן שוין פון זינט אַ סך יאָרן געוווינט אין ענגלאַנד, געהאַט ענגלישע פאַמיליעס און מיט זייער געבוירנלאַנד זיינען זיי געווען פאַרבונדן העכסטנס בלויז דורך פאַמיליערע באַציונגען.

דידאָזיקע אומגליקלעכע מענטשן זיינען מיטאַמאָל געיאָגט און געפּלאָגט געוואָרן ווי ווילדע חיות. די גאַלע פּרעסע אינדרויסן האָט אָרגאַניזירט אַן אמתן קרייצצוג קעגן זיי און זיי טאָגטעגלעך באַשולדיקט אין די ערגסטע שאַנדטאַטן, ביז זיי זיינען לסוף פאַרנומען געוואָרן און אַריינגעוואָרפן געוואָרן אינעם „אָלימפּיאַ“־לאַגער. צוגעוווינט צום לעבן אין ענגלישע פאַרהעלטענישן, האָבן זיי זיך פּלוצים געזען אויסגעשטעלט צו אַ באַהאַנדלונג, וועלכע האָט זיי פּשוט און פּראָסט געמוזט צעשמעטערן. פאַראַכטעט און פאַרפאָלג פון דער וועלט, אין וועלכער זיי האָבן פריער געלעבט, האָט זיי זייער בשותפותדיק ליידן אַלץ מער געשטויסן צו אַ נאַטירלעכער דערנענטערונג און צונויפנעמונג און לסוף אַרויסגעבראַכט יענע קראַנקהאַפטע פּאַטריאָטישע שטימונג, וועלכע ס'איז מיר פון אָנהויב אָנגעקומען שווער זיך צו דערקלערן. אַזוי ווי מען האָט זיי פּלוצים אויסגעוואָרפן זייער דייטשטום ווי דאָס ערגסטע פון אַלע פאַרברעכנס, איז עס געווען נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז דאָסזעלביקע דייטשטום האָט פאַר זיי אין זייער פאַרצווייפלטער לאַגע געמוזט ווערן זייער איינציקע שטיצע. פאַרן רוב איז דאָס ליד „דויטשלאַנד איבער אַללעס“ געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַן אויפברויז קעגן דער רויער באַליידיקונג פון זייער מענטשלעכער חשיבות, מחמת קיין שום אַנדער מיטל צו פּראָטעסטירן האָבן זיי נישט געהאַט. איך בין פעסט איבערגעצייגט, אַז וואָלט מען אָט־די מענטשן געווען געלאָזט צורו, וואָלט קיין איינציקער פון זיי נישט געוואָרן געפערלעך פאַר דער ענגלישער מדינה. די גרויסע מערהייט פון זיי איז געווען פּשוטע מענטשן פונעם פאָלק אָדער אומשעדלעכע שפּיזבירגער, ביי וועמען דער דרך־ארץ צום געזעץ און אָרדענונג איז שוין פון לאַנג געוואָרן די צווייטע נאַטור.

איך האָב זעלטן־ווען געטראָפן אַ קרייז מענטשן, ביי וועמען דער מאַנגל אין פּערזענלעכקייטס־געפיל זאָל זיך אַזוי בולט אָנזען ווי צווישן מיינע דעמאָלטיקע ליידנס־חברים. מ'האָט געהאַט דעם איינדרוק, גלייך ווי די צרות רבים האָט דאָ געשאַפן אַזאַ מין מאַסן־כאַראַקטער, קעגן וועלכן די אינדיווידואַליטעט פונעם יחיד קאָן נישט אַרויסקומען אויף דער אויבערפלאַך. בלויז ווייניק אויסנאַמען איז געווען פון אָט־דעם כלל און זיי זיינען אין רוב פאַלן נישט געווען קיין פּערזאָנען מיט בעסערע כאַראַקטערן.

יעדער נייער אָנגעקומענער אין „אָלימפּיאַ" איז באַלד באַקאַנט געוואָרן מיט אַ פּערזאָן, וועלכער איז פון די מיטגעפאַנגענע געהאַסט געוואָרן מיט אַ טיפער שינאה. ער איז געווען באַקאַנט בלויז מיטן נאָמען „יודאַס". ווי נאָר ער האָט זיך ערגעץ־ווו באַוויזן, האָט זיך געלאָזט הערן אָט־דער נאָמען, וועלכן מ׳האָט אים געשליידערט אין פּנים אַריין. דאָס האָט אָבער אויף אים, פונדעסטוועגן, נישט געמאַכט דעם מינדסטן איינדרוק. האָט ער אויסגעפונען ווען ס׳איז פון די שרייער, אַזוי האָט ער אים אָן איינזעעניש געמסרט פאַרן ערשטן סערזשאַנט, וועלכער האָט שוין געטאָן וואָס מ׳דאַרף פאַר זיין באַשטראָפונג. יודאַס האָט געהאַט אַזאַ מין שטעלע ווי אַ צוטרוימענטש ביי דער פאַרוואַלטונג פונעם לאַגער. ער האָט אויסגעטיילט שטרויזעק און דעקעס, אויפגעזאָטן קאַווע, וועלכע ער האָט פאַרקויפט די געפאַנגענע פאַר צוויי פּענעס אַ טעפּעלע, און חוץ דעם נאָך געהאַנדלט מיט זייף, ציין־פּאַסטע, האַנטעכער אאַ״וו, וועלכע ער האָט, לויט דער איינשטימיקער טענה פון די אינטערנירטע, אַרויסבאַקומען פונעם לאַגער־סקלאַד. צווישן יודאַסן און דעם רעשט פון די גע־פאַנגענע האָט געהערשט אַ צושטאַנד פון אומברחמנותדיקן קריג. ער האָט זיכער נישט געהאַט קיין איין פריינט אינעם גאַנצן לאַגער און ער איז שטענדיק געווען אויסגעשטעלט אויפן שוץ פון די זעלנער. אַזוי ווי ער האָט פון זיינע מיטגעפאַנ־גענע נישט געקאָנט דערוואַרטן קיין שום גוטס, האָט ער איינגעאָרדנט זיין געלעגער אינעם ווינקל פון די סיפיליטיקער, ווו ער האָט זיך געפילט צום זיכערסטן. יודאַס איז געווען אַ געזעצטער מענטש. זיין בלאַס פּנים איז געווען אַרומגענומען מיט אַ געדיכטער, שוואַרצער באָרד. אויפן פּנים זיינעם וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז ס׳איז אַ שיינס, ווען דער האַרטער, שטעכנדיקער בליק פון די טונקעלע אויגן וואָלט אים נישט געווען געגעבן עפּעס אַן אומהיימלעכן אויסזען. ער איז געווען אַ געבוירענער מסור, וועלכער האָט דעם סערזשאַנט צוגעטראָגן יעדע קלייניקייט, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאַגער, און געהאַט ממש אַ סאַדיסטישע הנאה פון דער באַשטראָפונג פון זיינע קרבנות. אָט־דער אומהיימלעכער מענטש איז געווען דאָס „עין־הרע" פון „אָלימפּיאַ" און ער איז כסדר געווען באַמיט אָנצוטאָן צרות זיינע מיטגעפאַנגענע. ער האָט אויסגעהאַלטן די אַלגעמיינע שינאה פון זיינע חברים לצרה מיט אַ סטאָישער רואיקייט און זיך לגמרי נישט געלאָזט באַאיינפלוסן דורך גאָר־נישט אין די הינטישע שטיק, וואָס ער האָט געטריבן. מיר האָבן אַלע געזען בלויז שלעכטס ביים דאָזיקן מענטשן, וועלכער איז פאַר יעדן פון אונדז געווען און גע־בליבן אַ פּסיכאָלאָגיש רעטעניש.

געווען אין „אָלימפּיאַ" זעקס אַלטע מענער, פון וועלכע דער יינגסטער איז אַלט געווען 63 און דער עלטסטער — 75 יאָר. די זעקס זקנים זיינען זינט די לעצטע דרייסיק יאָר געווען באַשעפטיקט אין די גיסערייען אין סאַוט־שילדס און דאָרט געוווינט צוזאַמען מיט זייערע מישפּחות ווי גוטע, ניכטערע אַרבעטער, וועלכע האָבן געהאַט צו זיך די אַלגעמיינע אַכטונג פון זייערע ענגלישע שכנים. אָט־די־דאָזיקע אומגליקלעכע מענטשן זיינען אַרעסטירט געוואָרן באַלד אין די ערשטע חדשים פון דער מילחמה און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין לאָנדאָן. דער פעיקסטער פון זיי איז גע־

ווען דער אַלטער פּיליפּ, אַ פּרעכטיקער זקן, מיט וועלכן איך האָב זייער ליב געהאַט צו שמועסן. נאָך ווי אַ יונגערמאַן האָט ער גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין דער אַמאָליקער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד. אין ענגלאַנד האָט ער זיך באַלד אָנגעשלאָסן אין דער טריידיוניאָניסטישער באַוועגונג און ער איז אין זיין געגנט געווען איינער פון די פּיאָנערן פון זיין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין; ער האָט טאַקע געהאַט גאָר גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער זאַך פון זיינע אַרבעטס־קאָלעגן. בערך צען יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מילחמה האָט ער געליטן אַן אַקצידענט ביי זיין שווערער אַרבעט אין דער גיסעריי. זיין לעבן איז געהאָנגען אויף אַ האָר. ווען ער האָט זיך שפּעטער אויסקורירט פון דער צעקאַליעטשעטקייט, איז ער אָבער שוין געווען אַ קריפּל און די באַלעבאַטים האָבן אים געגעבן אַ לייכטע אַרבעט ווי אַ נאַכט־וועכטער. דער אַלטער פּיליפּ איז געווען אַ מענטש מיט אַן אָפּנהאַרציקן און אויפריכטיקן כאַראַקטער און אַ געשווירענער שונא פונעם מיליטאַריזם. ער איז געווען איינער פון דער קליינער צאָל מענטשן אין גאַנצן לאַגער, וועלכער האָט זיך נישט געלאָזט מיטרייסן מיט דער אַלגעמיינער שטימונג און שטענדיק אויפגעהיט זיין ניכטערנעם צוגאַנג און קוק אויף זאַכן. איך האָב דעם אַלטיטשקן שטאַרק ליב באַקומען און מיר האָבן זיךביידע געפילט ווי גוטע חברים אין אָט־דעם האָפענונגס־לאָזן פּלאָץ פון דער גרויער נויט, פּיין און מענטשלעכער דערנידעריקונג.

ס'איז אַוועק אַ לאַנגע צייט, ביז איך האָב לסוף געקאָנט פועלן ביי זיך באַנייס צו נעמען אַ בוך אין האַנט אַריין. אָבער ווייט בין איך דערמיט נישט דערגאַנגען, מחמת ס'האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ שטאַרק געשריי אינעם גאַנצן לאַגער. איך האָב אויפגעהויבן די אויגן פונעם בוך און האָב געזען, ווי צוויי זעלנער ווילן אינעם שכנישן קעמפּ נעמען אַ געוויסן זאַלפעלד צום צעשלאָגן שטיינער. אַזאַ פּרווו פלעגט פון די געפאַנגענע תמיד אויפגענומען ווערן מיט אַ הויכן געשריי און מיט געלעכ־טער, וואָרן זאַלפעלד איז אינדעראמתן געווען אַ קאַפּיטל פאַר זיך. ער איז געווען אַ האַמבורגער, אָבער ער איז, קענטיק, געקומען קיין ענגלאַנד ווי אַ גאָר יונג בחורל, מחמת די דייטשע שפּראַך האָט ער גערעדט זייער שלעכט און כימעט גע־רעדט בלויז נאָר ענגליש. אָט־דער הויך־געוואַקסענער, דאַרער מענטש מיטן גלאַט־געגאָלטן פּנים און די קילע, חוצפּהדיקע אויגן איז געווען אַ גאַנץ מאָדנער פאַרשוין. ער איז זיכער געווען דער עזות־פּנימדיקסטער בחור, וואָס איך האָב ווען ס'איז אין מיין לעבן געטראָפן. מיט דער גרעסטער חוצפּהדיקייט האָט ער זיך אַריינגעמישט אין אַלע ענינים, וועלכע זיינע אים נישט אָנגעגאַנגען. דער פועל־יוצא איז געווען, אַז אין די מחלוקת פלעגט מען אויסלאָזן דעם כעס צו אים און אים שליידערן אין פּנים אַריין די גרעסטע גראָבקייטן און נישט איינמאָל אים אפילו פאַרטריבן מיט קלעפּ. אָבער זיין אומגלויבלעכע אומפאַרשעמטקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז קיין שום זאַך האָט אויף אים נישט געמאַכט קיין ווירקונג, פּונקט ווי ס'קלעפּן זיך נישט קיין אַרבעס צו אַ וואַנט. דאָס מערקווירדיקסטע ביי אים איז געווען זיין שטימעלע. עס האָט מיך תמיד דערמאָנט אין די צען־פעניקדיקע טרומייטלעך, וועלכע מ'פלעגט אין דער צייט פון מיין יוגנט פאַרקויפן אויף אַלע יאַרמאַרקן. דאָס איז געווען אַזאַ

משונהד׳קס און איינצייטיק אַזאַ דורכדרינגענדיק קולכל, אַז ס׳האָט דירעקט געווירקט אויף די לאַכמוסקלען פון די צוהערער, ביפרט, ווען ער האָט געשאָלטן אָדער זיך געכעסט.

ביכדי צו פאַרבעסערן זיין לאַגע, האָט ער דערציילט די זעלנער, אַז ער האָט מיט די „בלודי דזשערמענס״ לחלוטין נישט קיין שום שייכות און בלויז צוליב אַ טעות איז ער דאָ אַריינגעפאַלן. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ האַלטונג האָט ביי קיינעם פון די מיטגעפאַנגענע נישט געקאָנט דערוועקן קיין סימפּאַטיע צו אים. אָבער טאָמער האָט זיך עמעצער געוואָגט און אים וועגן דעם עפּעס געזאָגט, האָט ער תיכף געהאַט די זכיה זיך צו באַקענען מיט זאַלפעלדס לעקסיקאָן פון קללות, וועלכער האָט געהאַט אין זיין רשות די זאַפטיקסטע אויסדרוקן פון דער ענגלישער שפּראַך. און טאָמער האָט עמעצער פון די אַזוי אויפגענומענע אים געוואָלט דערלאַנגען קלעפּ, האָט ער אַזוי יאָמערלעך אָנגעהויבן צו געוואַלדעווען, אַז די זעלנער האָבן אָנגעהויבן קומען צו לויפן פון אַלע זייטן און דער אָנגרייפער האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן.

יעדעס מאָל, ווען די זעלנער האָבן זאַלפעלדן גענומען צו דער אַרבעט, איז געווען אַ גרויסער טעאַטער־ספּעקטאַקל. די עלטערע זעלנער האָבן אים שוין געקענט און האָבן אים אויסגעמיטן. אָבער צווישן די יינגערע איז תמיד געווען אייני־קע, וועלכע האָבן זיך פון צייט צו צייט געפּרוווט פאַרמעסטן מיטן דאָזיקן בן סורר ומורה. לכתחילה האָט זאַלפעלד געפּרוווט איינטענהן מיט זיי, ביז די זעלנער האָבן אים אָנגעכאַפּט ביים קאָלנער און אַוועקגעשלעפּט צום אַרבעטס־פּלאַץ. אָבער דאָרט האָט זיך דער שפּיל אָנגעהויבן פונדאָסניי. אָדער ער האָט זיך ביים ערשטן קלאַפּ מיטן האַמער אַזוי אומגליקלעך אַ קלאַפּ־געטון אויפן פוס, אַז ער האָט אויסגעבראָכן אין אַ מוראדיקן געיאָמער און געמוזט אָפּגעפירט ווערן צום דאָקטאָר, אָדער ער האָט די האַרטע שטיינער באַהאַנדלט מיט אַזאַ ספּעציעלער צאַרטקייט, גלייך ווי ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן רויע אייער. זיינע קלעפּ מיטן האַמער וואָלטן אפילו קיין פרישע פּוטער נישט געווען געקענט צעקוועטשן. נאָך שענער, אָבער אויך טייערער, איז עס געווען, ווען מ׳האָט זאַלפעלדן אָפּגעשיקט אין קיך אַריין, ביכדי דאָרט צו וואַשן דאָס געשיר. אַזוי ווי פרייוויליק האָט ער קיינמאָל נישט געוואָלט אַריינטאָן קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער, האָט מען תמיד געמוזט אַוועקשטעלן אַ זעלנער נעבן אים. און ווען ס׳איז אים אויסגעקומען מיט זיין טשערעפּאַכע־ריטם צו נעמען אַ גאַנצן שטויס טעלער און זיי איבערצוטראָגן פון איין אָרט צו אַן אַנדערן, האָט זיך דער גאַנצער באַרג געגעבן אַ דריי־אויס און אין איין אויגנבליק איז ער געלעגן אויף דער ערד, אַ צעברעקלטער אין פּיצפּיצלעך. נאָך אַזאַ פאַל האָט זיך זאַלפעלד מיט דער גאַנצער קאַלטבלוטיקייט געווענדט צו זיין וועכטער און צו אים אַ זאָג־געטאָן: „איר זענט שולדיק אין דעם; איר האָט מיך נישט געדאַרפט שטופּן״. זאַלפעלד איז אומצייליקע מאָל באַשטראָפט געוואָרן, אָבער אפילו די האַרבסטע שטראָף איז נישט געווען אימשטאַנד אים צו ענדערן. ס׳איז געווען אוממעגלעך ליב צו האָבן אָט־דעם עזות־פּנימדיקן בחור, אָבער זיין אייזערנע ווילנסקראַפט האָט ביי מיר נישט

ווילנדיק אַרויסגערופֿן דרך־ארץ. לסוף איז נישט געווען קיין איין זעלנער, וועלכער זאָל פּרווון אים צו נעמען צו דער אַרבעט. אַזוי אַרום איז ער אַרויס דער זיגער אויפֿן שלאַכטפֿעלד און אָפּגעהוזקט פֿון זיינע קעגנער ווו נאָר ער האָט געקאָנט.

אין דער „אָלימפּיאַ" איז אַלעס געווען פֿאַרווערט, אָבער פֿאַר געלט האָט מען אַלעס געקאָנט באַקומען. יעדער זעלנער, פֿונעם ערשטן סערזשאַנט ביז צום ייִנגסטן טעריטאָריאַל, האָט געקאָנט איבערגעקויפֿט ווערן. פֿאַרן חורש זיינען געווען פֿאַר־שידענע טאַקסעס, וועלכע זיינען שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן. אַרויסצופֿירן אַ בריוו הינטערן רוקן פֿונעם צענזאָר האָט פֿון אָנהויב געקאָסט איין שילינג; דערנאָך איז דער פּרייז אַראָפּגענידערט אויף פֿיר פּענעס. ציימונגען זיינען פֿון אָנהויב געצאָלט געוואָרן מיט אַ האַלבער קראָנע פֿאַר אַן עקזעמפּליאַר; שפּעטער־צו האָט מען די „טיימס" באַקומען פֿאַר זעקס, און אַלע אַנדערע ציימונגען — פֿאַר דריי און פֿיר פּענעס אַן עקזעמפּליאַר. די זעלנער גופֿא האָבן געוואָרנט די לייענער, טאָמער איז געקומען עפּעס אַ סכנה, און די ציימונגען פֿלעגן אויף גיך פֿאַרשווינדן אונטער די שטרויזעק.

אַזאַרד־שפּילן זיינען אין ענגלאַנד שטרענג פֿאַרווערט; אין „אָלימפּיאַ" זיינען זיי געווען פֿאַרווערט מיט אַ טאָפּלטער שטרענגקייט. דאָס איז פֿונדעסטוועגן נישט געווען קיין שטער, אַז ס'זאָל דאָ בליען און געדייען איין באַנק נעבן דער אַנדערער. אין אייניקע בענק איז לחלוטין נישט אָנגענומען געוואָרן קיין קופּערן געלט; דאָרט האָט מען געשפּילט נאָר פֿאַר גאָלד און זילבער. איך האָב געקענט יונגע לייט, וועלכע האָבן אין איין אָוונט פֿאַרשפּילט זייערע אַלע אָפּשפּאָרונגען. איך האָב געזען אַ יונגן קעלנער, וועלכער האָט אין איין וואָך פֿאַרשפּילט זיבעציק פֿונט שטערלינג. נאָכדעם האָט ער פֿאַרקויפֿט אַלעס, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט: מלבושים, גרעט אאַ"וו און דעם גאַנצן פּדיון אויפֿגעבראַכט ווי אַ קרבן פֿאַר דער שפּיל־תאווה. דאָס באַנק־שפּיל האָט פֿונקציאָנירט גאַנץ עפֿנטלעך. זעלנער מיט אַרויסגעשטעלטע באַגנעטן זיינען געשטאַנען אַרום די בענק און געהיט. ווײַבאַלד ס'האָט געשמעקט מיט סכנה, האָט זיך געלאָזט הערן דער אויסרוף „דיקע לופֿט!" און אַלעס איז תיכף נעלם געוואָרן ווי דורך אַ כישוף־שטעקעלע. די זעלנער אַליין האָבן אַרויסגעלאָזט דעם אויסרוף; דאָס איז געווען דאָס גאַנצע דייטש, וואָס זיי האָבן אויסגעלערנט. פֿאַר־שטייט זיך, אַז זיי האָבן אָט־די אַרבעט נישט געטאָן אומזיסט. די וואַכפּאָסטנס זיי־נען געשטאַנען דירעקט אין דינסט פֿון די באַנקירערס און זיי האָבן באַקומען אַ באַ־שטענדיקן געהאַלט. איך האָב אַפֿילו געזען זעלנער, וועלכע האָבן זיך אַליין אויך באַטייליקט אינעם שפּיל. אין דעם פּרט איז נישט געווען אָנגעצייכנט קיין באַ־גרענעצטקייט פֿאַר דער באַקוועמלעכקייט.

אייניקע טעג פֿאַר מיין אָפּשייד פֿון „אָלימפּיאַ" האָט פּאַסירט אַן אויפֿרעגנדיקער פֿאַל, וועלכער האָט לייכט געקאָנט האָבן דערפֿירט צו אַ קאַטאַסטראָפֿע. אַן עלטערער הער פֿון אונדזער קעמפּ, וועלכער איז אַלעמען געווען באַקאַנט ווי אַ שטילער און באַשיידענער מענטש, האָט באַקומען פֿון דער פּאָסט־אָפּטיילונג אין לאַגער אַ פֿאַרבעטונג צו קומען אין פֿאָרהאָל, כדי אָפּצונעמען אַ פּעקל, וואָס איז פֿאַר אים

אַנגעקומען. ווען ער האָט זיך פאַרנומען אויפן וועג צו דער פּאָסט־אָפּטיילונג, האָט ער זיך פּלוצים צונויפגעטראָפן מיט אַ יונגן לייטענאַנט, וועלכער איז בלי שום ספק געווען האַלב־שיכור, און ער האָט אים אויף אַ גראָבן אופן געפרעגט, וווהין ער גייט. דער אַלטער מענטש האָט אים אויף אַ רואיקן אופן דערקלערט, וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך און אים געוויזן די פאַרבעטונג פון דער פּאָסט. אָבער דער יונגער אָפיציר איז אים באַפאַלן מיט געמיינע באַליידיקונגס־ווערטער און אים באַפוילן זיך תיכף אומצוקערן. דער אַלטער הער, וועלכער האָט זיך מיטאַמאָל און אָן יעדן מאָטיוו געזען אַזוי גראָב באַליידיקט, האָט זיך אַ ווײַלע געקווענקלט און קענטיק נישט געוווסט, וואָס צו טאָן. האָט דער יונגער „העלד" אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און גענומען שרייען ווי אַ משוגענער: „טאָמער פאַרשווינדסטו נישט אין איין אויגנבליק, וועל איך דיך דערשיסן ווי אַ הונט!"

דער זקן האָט אים אפילו נישט געענטפערט, נאָר זיך צוריקגעצויגן, אָן אויס־צורעדן אַ וואָרט. אָבער די אומדערהערטע ברוטאַליטעט פון דעם פּאַל פאַר די אויגן פונעם גאַנצן לאַגער האָט צופּיל אויפגעריסן די אויגן, אַז ס׳זאָל קאָנען רואיק טאָלערירט ווערן. האָבן די געפאַנגענע מיטאַמאָל אויפגעהויבן אַ ווילד געשריי און דער נידערטרעכטיקער טיפּש האָט געהאַלטן פאַר נייטיק תיכף ומיד נעלם צו ווערן. די וואַך איז תיכף אַלאַרמירט געוואָרן און ס׳האָט זיך אין הינטערגרונט באַ־וויזן אַן אָפּטיילונג זעלנער גרייטע אָנצוהייבן שיסן. מיט אייניקע מינוט שפּעטער האָט זיך אויך באַוויזן דער קאָמאַנדאַנט, וועמען מ׳האָט מיסתמא וועגן דעם גאַנצן עניין איבערגעגעבן אַנדערש ווי ער איז אינדעראמתן געווען, און ער איז רואיק אַרומגעגאַנגען צווישן די אַרעסטירטע. זיין באַווייזן זיך האָט באַרואיקט די שוין צו שטאַרק אויפגערעגטע געמיטער.

אָט־די פּאַסירונג האָט מיך נישט־ווילנדיק דערמאָנט אין די בלוטיקע געשעענישן, וועלכע זיינען קורץ פאַר דעם פאַרגעקומען אינעם לאַגער פון ציווילע געפאַנגענע אויפן אינדזל אָף מען. פינף אָדער זעקס מענטשן האָבן דערביי פאַרלוירן זייערע לעבנס. די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען זיינען פאָרגעקומען הינטער פאַרמאַכטע טירן און די ציי‏טונגען האָבן געבראַכט בלויז אייניקע גאַרנישט־זאָגנדיקע באַמערקונגען, און זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, פאַרטיידיקט די מיליטערישע אויטאָריטעטן. איך בין געווען פעסט איבערצייגט, אַז אויך אין דעם פאַל האָט זיך מיסתמא געהאַנדלט וועגן אַן אומדערהערטער פּראָוואָקאַציע, ווייל מיינע דערפאַרונגען אין „אָלימפּיאַ" האָבן מיר מער ווי איינמאָל באַוויזן, מיט וואָס פאַר אַן אייזלישער געדולד מיינע חברים בצרה האָבן אָוועקגעקוקט אויף אַלץ און נישט געקאָנט פועלן ביי זיך צו פאָרמולירן אַן ענערגישן פּראָטעסט. דער פאַקט, וואָס ס׳איז דאָרט, נישט געקוקט אויף די גרויליקע פאַרהעלטענישן, נישט דערגאַנגען צו אַן אָפענעם רעוואָלט, לאָזט זיך אפשר דערקלערן דערמיט, וואָס דער „אָלימפּיאַ"־לאַגער איז געווען בלויז אַזאַ מין „קלירינג־האַוז", ווו די אַלטע אינטערנירטע זיינען כסדר געביטן געוואָרן אויף נייע.

דער פּאַל, וועגן וועלכן מיר האָבן נאָר־וואָס גערעדט, איז, אגב, געווען כאַראַקטע־

ריסטיש פאַר דער גאַנצער האָפענונגסלאָזיקייט פון אונדזער לאַגע. אַ יונגיטשקער בחורל, ווען מען דאָס לייענען די דזשאַן בול־ביכעלעך און אַנדערע בלעטלעך פון זעל־ביקן מין זיינען אַריין אין קאָפּ, האָט געצילעוועט קעגן אַן אַלטן, אומבאַשוצטן מענטשן מיטן רעוואָלווער מיסתמא בלויז מיטן איינציקן צוועק צו געניסן פונעם באַוווסטזיין פון זיין איבערמאַכט איבער אָט־דעם אָרעמען מענטשן. און אָט אַזעלכע אומרייפע בחורימלעך איז איבערגעגעבן געוואָרן דער גורל פון מענטשן, קעגן וועמען ס'איז נישט געווען גאָרנישט וואָס אויסצוזעצן ווי נאָר דער צופאַל פון זייער גע־בוירנאָרט.

דעם 14טן דעצעמבער האָבן מיר באַקומען די ידיעה, אַז מיט צוויי טעג שפּע־טער וועלן מיר אָפּגעשיקט ווערן צו די שיפן ביי סאַוטהענד. די ידיעה איז פון אַלעמען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס שימחה. אויך איך האָב זיך געפרייט ענדלעך צו קאָנען פאַרלאָזן דאָס אָרט פון דער גרויליקייט. ס'האָט טאַקע קיינער נישט געקאָנט זאָגן, וואָס אונדז דערוואַרט, אָבער ערגער ווי אין „אָלימפּיאַ" האָט דאָך אין ערגעץ נישט געקאָנט זיין. צום געזעגענען זיך האָט די פאַרוואַלטונג פון לאַגער אַראַנזשירט אַזאַ מין וואַריעטעט־אָוונט. איז דאָס געווען די באַנאַלסטע פאַר־שטעלונג, וואָס איך האָב ווען ס'איז אין מיין לעבן געזען, אַזאַ מין זאַך צווישן שרייעדישן היפּערפּאַטריאָטיזם און נאַרישער פיליסטערהאַפטיקייט, וואָס איז דער־גאַנגען צו העכסטער לאַנגווייליקייט. איין אויסנאַם בלויז איז געווען, וואָס איז ווערט דערמאָנט צו ווערן: אַ יונגער אונגאַרישער וויאָלין־ווירטואָז האָט פאַרגעשפּילט איניקע פּיעסן פון זיין קונסט, וועלכע האָבן זיך אַזוי אַריינגעפּאַסט אין אָט־דער פּראָגראַם ווי אַ פּאַטש מיט אַ גוט־שבת. ביי אָט־דער געלעגנהייט האָט מיר קאַרל דערציילט אַ מאָדנע געשיכטע, וועלכע האָט זיך טיף אַריינגעגראָבן אין מיין געמיט.

דער יונגער קינסטלער איז באַלד אין די ערשטע מילחמה־טעג געבראַכט גע־וואָרן אין „אָלימפּיאַ", ווען דער צושטאַנד אין לאַגער איז געווען אַזעלכער, וועלכן ס'איז אוממעגלעך צו באַשרייבן. מ'קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס דער יונגער קינסטלער האָט געדאַרפט פילן, ווען ער האָט זיך פּלוצים געזען אַריינגעשליידערט אין אָט־דעם גיהנומדיקן אָרט. ס'האָט נישט געדויערט לאַנג און אויך ער איז אַרומגעכאַפּט גע־וואָרן פון יענעם קאָשמאַר, וועלכער האָט געהויערט אויף דער נשמה פון אַלע גע־פאַנגענע. האָט ער פּלוצים אַ נעם־געטון זיין פידל, ביכדי זיך צו באַפרייען פון דער לאַסט, וועלכע האָט אויף אים געדריקט ווי אַ שווערער באַרג און מיט אַזאַ ממש אויסערזיכיקער התלהבות האָט ער אַרויסגעבראַכט פון דער פידל גונאָס „אַווע מאַריאַ". ווען ס'האָבן זיך געלאָזט הערן די ערשטע כישופדיקע טענער און זיי האָבן זיך וויינענדיק פאַרלוירן אינעם גרויען בין השמשות, איז מיטאַמאָל איינגע־שטילט געוואָרן יעדעס גערויש און ס'האָט געהערשט אַ פייערלעכע שטילקייט. אפילו די וואַכפּאָסטנס זיינען געבליבן שטיין ווי פאַרשטיינערט אויף זייער ערטער און אויפגעכאַפּט די טענער פונעם זעלטענעם שפּילן אויף אָט־דעם אָרט פונעם גרויליקן עלנט. די קרישטאָל־קלאָרע טענער זיינען געוואָרן אַלץ פאַרשיכורנדיקער און זיי האָבן זיך געוויגט ווי לייכטע כוואַליעס אָדער וויבראַציעס דורך אָט־דעם

האָפענונגסלאָזן זאָל. ווי אַ ווייטער חלום האָט עס זיך געלייגט אויפן געמיט פון אָט־די אַלע אַרויסגעשטויסענע פון דער מחנה; זיי האָבן פאַרגעסן אינעם גאַנצן פיין פון זייער עלנטער סביבה און בלויז געפילט דעם פייערלעכן ריטם פון דער מאַיעסטעטישער מוזיק, וועלכע האָט זיי פאַרוויגט און אַוועקגעטראָגן ווייט אַוועק פון די אַלע פורעניות. ערשט ווען דער לעצטער טאָן איז שוין לאַנג געווען פאַרקלונגען, האָבן זיי ווידער אויפגעוואַכט און מיט אַ פון קעלט צעטרייסלטער נשמה האָבן זיי געפילט נאָך פיל שווערער די גרויע ווירקלעכקייט.

איך האָב זיך אומרואיק געוואָרפן אין יענער לעצטער נאַכט אין „אָלימפּיאַ“ אויף מיין געלעגער און נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. מיינע געדאַנקען זיינען געווען ביי מיינע ליבע אין דער היים און איך האָב מיט גרויליקער קלאָרקייט געפילט, אַז ס׳וועלן נאָך אַריבער אַ סך חדשים און אפשר אויך יאָרן, ביז אָט־די שווערע צייט פון נשמהדיקע נסיונות וועט אַריבערגיין.

## אויפן באָרטן פונעם „ראָיאַל עדוואָרד“

אַ סך יאָרן זיינען שוין אַריבער פון זינט יענעם גרויען דעצעמבער־טאָג, ווען מיר האָבן פאַרלאָזן דעם לאַגער „אָלימפּיאַ“, אָבער נאָך היינט כאַפּט מיך אַרום אַזאַ מין געהיימער ציטער, ווען איך דערמאָן זיך אין יענעם טאָג. מ'האָט אונדז אויפגעוועקט פיר אַזייגער פאַרטאָג. נאָך אַן אומענדלעכן וואַרטן, ציילן, רעגיסטרירן און באַנייאיקן וואַרטן זיינען מיר לסוף אַרויפגעפּאַקט געוואָרן אויף צווײ באַנצוגן און מיט אַ שטאַרקער מיליטערישער וואַך אָפּגעשיקט געוואָרן קיין סאַוטהענד. נאָך דער גרויער מאָנאָטאָנקייט אין „אָלימפּיאַ“ איז די קורצע נסיעה געווען אַן אָנגענעמער אומבייט. ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין סאַוטהענד, האָבן מיר געמוזט דורכמאַכן דעם וועג צו דער שיף צו פוס דורך דער באַלעבאַטישער טייל פון דער שטאָט. ס'איז געווען פונקט מיטאָגצייט און די לאַנגע גאַס, וועלכע האָט געפירט צום ים, איז געווען געדיכט אָנגעפילט מיט מענטשן, וועלכע זיינען געוויר געוואָרן וועגן אונדזער אָנקום. מיר האָבן נישט געוווסט, אַז אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט זיינען איבער סאַוטהענד געפלויגן דייטשע אַוויאָנען און אַז אַ צאָל מענטשן האָבן דערביי פאַרלוירן זייער לעבן. די מאַסע האָט אונדז באַגריסט מיט הויכע חוזק־אויסרופן און ווילדע סטראַשונקעס און די זעלנער האָבן מיט גרויס מי באַוויזן אונדז אויסצוהיטן פון טויטלעכע אַטאַקעס. פונדעסטוועגן האָבן זיי נישט געקאָנט שטערן, אַז איינצלנע, באַזונדערס פרויען, זאָלן זיך אַריינרייסן אין אונדזערע רייען און אָנשפּייען די געפאַנגענע אין פּנים. דאָס זיינען געווען ווּסטע און ווילדע סצענעס. און פונדעסטוועגן האָט אין מיר נישט אויפגעברויזט קיין געפיל פון צאָרן. איך האָב בלויז געפילט אַן אומאויסדריקבאַרן עקל, וועלכער האָט מיר רויט געמאַכט די באַקן, און איך האָב זיך געשעמט פאַר אָט־די אומגליקלעכע נפשות, וועלכע האָבן אונדז באַטראַכט מיט פון צאָרן צעקרומטע פּנימער און אונדז געוואָרפן אין פּנים זייער שמוציקע גראָבקייט. איך האָב פאַרלוירן יעדעס געפיל פאַר רוים און צייט און אין מיינע געהירן האָט זיך נאָר געריסן דער איינער טעמפּער פאַרלאַנג: אַ סוף! אַ סוף!

מיר האָבן זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט אונטער די סקלעפּיעניעס פון די פאַרשיפונגס־בריקן. אַ דינער רעגן האָט געגאָסן פונעם גרויען הימל און אונדז דורכגענעצט ביז צו דער הויט. איך האָב געזען, ווי די מאַסע פון דרויסן האָט זיך אַרויפגעריסן אויבן אויף דער בריק און פון דאָרטן אַראָפּגעשפּיגן אויף אונדזערע קעפּ; אָבער דאָס אלעס האָט מיך שוין מער נישט גערירט. ס'איז אַריבער אַ היפּשע ווײלע,

ביז די פּאָליציי האָט באַוויזן צו באַפרייען די בריק. נאָכדעם האָט מען אונדז אַרויפ־געפירט אויבן און אונדז אַריינגעשטויסן ווי אַ סטאַדע שאָף אין די אָפענע וואַגאָנען פון אַ קליינער באַן, וועלכע האָט אונדז אין עטלעכע מינוט אַרום צוגעפירט צום סוף פון דער בריק, וועלכע האָט זיך געצויגן איבער אַ מייל ווייט אין ים אַריין. דאָרטן האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין אַ קליין שיפל, וועלכעס האָט אונדז גע־דאַרפט צופירן צו דער שווימענדיקער תפיסה. דאָס אַלעס איז פאָרגעקומען מיט אַ פּאַרמוטשענדיקער פּאַמעלעכקייט, ביז דאָס קליינע דאַמפשיפל האָט אָנגעהויבן שווימען אין אָפענעם ים אַריין. מיר האָבן זיך אָוועקגעשטעלט ביי דער זייט פון דער שיף „ראַיאַל עדוואַרד" און איצט האָט זיך אָנגעהויבן די פּאַמעלעכע באַוועגונג אַרי־בערצוטראַנספּאָרטירן אונדז פונעם קליינעם שיפל צו דער גרויסער שיף. שעהנלאַנג זיינען מיר געשטאַנען אין רעגנגאָס און געוואַרט, ביז ס'וועט קומען אונדזער ריי. איך בין געווען דורכגענעצט ביז צו דער הויט און דער קאָפּ איז ביי מיר געווען צעמישט און שווער. איך האָב געוווסט, אַז דאָ ווערט אַרויסגעזעצט בלויז אַ העלפט פון די געפאַנגענע, בעת די אַנדערע העלפט איז באַשטימט פאַר דער שיף „סאַק־סאָניאַ". איך האָב אויך געהאַט דאָס אומבאַשטימטע געפיל, אַז איך דאַרף אָנווענדן אַלץ, וואָס ס'איז מעגלעך, אַז מיר זאָל אויסקומען פאַרשיפט צו ווערן אויף דער „ראַיאַל עדוואַרד", ווייל דאָרט זיינען געווען אינטערנירט מיין שוואָגער ערנסט זיממערלילנג און אייניקע אַנדערע דייטשע חברים. אָבער איך בין געווען אַזוי פאַר־מוטשעט, אַז איך האָב זיך נישט געקאָנט דעצידירן צו גאָרנישט. ווען איך בין שוין געשטאַנען בלויז אייניקע שריט פון די טרעפּ, וועלכע האָט אַרויפגעפירט אויף דער שיף, האָט זיך פון אויבן געהערט דער באַפעל, אַז מ'זאָל מיטן רעשט מענטשן פאָרן צו דער „סאַקסאָניאַ". איך האָב זיך געפילט ווי צעשמעטערט. און אָט האָבן אונדז די זעלבער אָנגעהויבן צוריקצושטויסן, ווען ס'איז פלוצים פון אויבן אָנגעקומען אַ נייער באַפעל אַרויפצולאָזן נאָך 21 מענטשן. דערדאָזיקער נייער באַפעל איז פאַר מיר געווען ווי אַ דערלייזונג. וואָרן אויך איך האָב זיך געפונען צווישן די איינאונ־צוואַנציק. פּאַמעלעך האָב איך אַרויפגעקלעטערט מיט מיין געפּעק אויף דער שיפ־לייטער און נאָך אַזאַ לאַנגער אומבאַשטימטקייט האָב איך זיך לסוף געפונען אויפן באָרט פון דער שיף „ראַיאַל עדוואַרד".

נאָכדעם ווי אונדזער געפּעק איז אויפן דעק נאָכאַמאָל גרינטלעך איבערגעקוקט געוואָרן, האָט מען אונדז אוועקגעפירט אין אַ גרויסן העסלעכן צווישנדעק־זאַל, אין וועלכן ס'זיינען געווען 106 בעטן צו צוויי איינס איבערן אַנדערן. נאָכדעם ווי קאַרל און איך האָבן פאַרנומען יעדער איינער איין בעט, זיינען מיר אַרויף אויפן דעק, ביכדי זיך נאָכצופרעגן אויף די פריינט. מיר האָבן נישט געדאַרפט גיין ווייט, ווייל ערנסט און קאַרל גערווינג זיינען אונדז אַנטקעגנגעקומען מיט פון שימחה־שטראַלנדיקע פּנימער און אונדז באַגריסט מיט גרויסער הארציקייט. פונדעסטוועגן האָב איך קוים געהערט, וואָס זיי האָבן געזאָגט, ווייל די איבערלעבענישן אין די לעצטע זעקס שעה האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן אין קלעם אַלע מיינע חושים. איך וואָלט געווען געגעבן זוער ווייסט וויפל, ביכדי צו בלייבן עטלעכע שעה אַליין. אָבער דאָס

איז געווען אויסגעשלאָסן. איך האָב זיך געקאָנט צוהערן צו די שמועסן פון מיינע פריינט בלויז ווי אין חלום און בין געווען צופרידן, ווען ס׳איז געגעבן געוואָרן דער סיגנאַל צו גיין שלאָפן.

ס׳איז געווען אַ לאַנגע, גאָר לאַנגע נאַכט. די שווערע לופט פונעם צווישנדעק־לאָקאַל האָט מיך כימעט נישט געלאָזט אָטעמען. שלאָפן האָב איך נישט געקאָנט, ס׳איז מיר אָבער אויך געווען אוממעגלעך צונויפצונעמען די געדאַנקען. ווי פון ערגעץ אַ וויטן מהלך האָב איך געהערט די שריט פון דער וואַך איבער מיין קאָפּ און דעם טעמפּן קראַך פון די כוואַליעס ביים אָנשטויסן זיך אויף די ווענט פון דער שיף. כ׳האָב זיך געפילט אַזוי שווער, ווי כ׳וואָלט געהאַט בליי אין אַלע גלידער און ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, ווי כ׳וואָלט פאַרזונקען געוואָרן ערגעץ אינעם אין סוף. ביז כ׳בין לסוף ארומגעכאַפּט געוואָרן פון א שווערער, טעמפּער קאָשמאַרדיקער רו. מיטאַמאָל האָט זיך געלאָזט הערן א לאַנגער, גרילצנדיקער טאָן, וועלכער האָט אָפּגע־קלונגען אין מיין אויער און מיך אויפגעוועקט פונעם לייכטן דרימל. ס׳איז געווען דער סיגנאַל צום אויפשטיין. ביסלעכווייז האָט זיך אָנגעהויבן מערקן לעבן אינעם וויסטן זאַל. אייניקע האָבן הויך אויפן קול און האַרציק געגענעצט, אַנדערע האָבן אָנגעהויבן צו שילטן. פאַמעלעך זיינען ווידער אויפגעקומען אין מיין באַוווסטזיין די געשעענישן פונעם פאַרגאַנגענעם טאָג, אָבער ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, גלייך ווי ס׳וואָלטן שוין געווען אריבערגעגאַנגען וואָכן גאַנצע פון דעמאָלסט אָן. איך האָב זיך אפילו געמאַכט אַ פאָרוואורף, הלמאַי איך לאָז זיך אַזוי שטאַרק באַהערשן פון מיינע געפילן. נאָכדעם ווי איך האָב צורעכט געמאַכט מיין טואַלעט, בין איך אוועק אינעם גרויסן עס־זאַל. הגם איך האָב במשך פונעם נעכטיקן טאָג קוים עפּעס טועם געווען, האָב איך זיך אָבער לחלוטין נישט געפילט הונגעריק. דערפאַר אָבער האָב איך מיט אַן אמתער גיריקייט געזופּט די אָפּשטויסנדיקע פליסיקייט, וואָס מ׳האָט אונדז דערלאַנגט צום אָנבייסן. זי האָט מיך באמת מחיה געווען און איך האָב געפילט, ווי איך וואָלט דערמיט דערכאַפּט מיין נשמה.

אונדזער ערשטע זאָרג איז געווען זיך צו קאָנען אַרויסבאַקומען פונעם עלנטן לאָך אין דער צווישנדעק און אפשר קאָנען באַקומען די מעגלעכקייט זיך צו באַזעצן אין איינער פון דער גרויסער צאָל קאַבינעס. אַזוי ווי קאַרל איז געווען באַקאַנט מיט אייניקע געפאַנגענע פון דער אינערלעכער פאַרוואַלטונג נאָך פון דער צייט פון „אָלימפּיאַ״, איז דאָס אים אָנגעקומען נישט אַזוי שווער. מ׳האָט אונדז געזאָגט, אַז אין דער קאַבינע 601 זיינען נאָך פאַראַן צוויי פרייע בעטן און מ׳האָט זי אונדז אָנגעוויזן ווי אונדזער צוקונפטיקע וווינונג. די קאַבינע 601 איז נישט געווען קיין צירלעכע קאַמער; זי האָט נישט געהאַט קיין פענצטער און האָט געקאָנט באַלייכט ווערן נאָר דורך קינסטלעכן ליכט. אויף יעדער זייט זיינען געשטאַנען צו צוויי בעטן איינס איבער ס׳אַנדערע און דער פּלאַץ אינדערמיט צווישן די בעטן איז געווען אַזוי ענג, אַז מער ווי איין פּערזאָן האָט דאָרט נישט געהאַט קיין פּלאַץ. אָבער אין פאַר־גלייך מיטן וויסטן פּלאַץ, אין וועלכן מיר האָבן פאַרבראַכט די ערשטע נאַכט, איז אָט־דאָס פינצטערע ווינקל נאָך אַלץ געווען א גן־עדן.

ס׳האָט געדויערט א היפּשע צייט, ביז איך האָב זיך ווי עס איז צוגעוווינט צו די נייע פאַרהעלטענישן. און הגם איך האָב געהאַט נעבן און אַרום זיך ערנסטן און דעם רעשט פריינט, האָב איך זיך אָבער פון אָנהויב געפילט מוראדיק פרעמד אין מיין נייער סביבה. דאָס איז געווען גאַנץ מאָדנע, ווען מ׳האָט אין זינען, אַז אונדזער אַלגעמיינע לאַגע דאָ האָט זיך באַדייטנדיק פאַרבעסערט אין פאַרגלייך צו „אָלימ־פּיאַ״. דעם פיינלעכסטן איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט די שרעקלעכע ציילענישן. צוויי מאָל אין טאָג האָבן מיר געמוזט אַרויס אויף דער דעק, זיך דאָרט אויסשטעלן און זיך לאָזן ציילן. די גאַנצע פּראָצעדור איז פאָרגעקומען מיט א געדולדפּלאָצנדי־קער פּאַמעלעכקייט און האָט ביי יעדן מאָל צוגענומען צוויי שעה צייט. מיט אָט אַזעלכע זאַכן קאָן מען מענטשן מער באַליידיקן ווי דורך פּשוטער ברוטאַליטעט. איך אַליין האָב זיי געפילט ווי אַן אמתע פּייניקונג. די פיזישע אומבאַקוועמלעכקייטן פון דער געפאַנגענשאַפט, שלעכטע און אומגענוגנדיקע באַשפייזונג, אַ האַרטע געלעגער אד״גל, האָבן אויף מיר נישט געמאַכט דעם מינדסטן איינדרוק, אָבער דאָס באַ־שטענדיקע ציילעניש איז געווען פּשוט אומדערטרעגלעך. אגב, איז דאָך דער גאַנצער ענין געווען אָן אַ זין און אָן אַ צוועק. מיר האָבן זיך געפונען צוויי מייל ווייט אין ים, און א פּרווו צו אַנטלויפן אין סאַמע ווינטער איז געווען לגמרי אוממעגלעך. קאָנ־טיק, אַז דערמיט האָט מען געוואָלט געבן אַביסל באַשעפטיקונג דער מאַנשאַפט און מיר זיינען דאָך געווען גאַנץ גוטע עקספּערימענטיר־קרוליקלעך.

אייניקע טעג נאָך אונדזער אָנקום האָט דער צווייטער קאָמאַנדאַנט פון דער שיף געהאַלטן א רעדע פאַר אונדז, וועלכע האָט אין אַלגעמיין געמאַכט א סימפּאַטישן איינדרוק. ער האָט באַטראַכט אונדזער לאַגע פון ריין מענטשלעכן שטאַנדפּונקט, באַצייכנט דעם קריג ווי א קאַלאַמיטעט, מיט וועלכער מ׳מוז ווילנדיק נישט ווילנדיק שלום מאַכן. ער האָט אונדז אויפגעפאָדערט נישט צו זיין אַראָפּגעפאַלן ביי זיך און אויסצוטראָגן אונדזער גורל מיט מענערישער אַנטשלאָסנקייט. דערביי האָט ער אונדז צוגעזאָגט גוטע און גערעכטע באַהאַנדלונג, בתנאי, אויב מיר וועלן גערן אויס־פאָלגן זיינע באַפעלן. ער האָט אָבער אונטערגעשטראָכן, אַז לויטן מיליטערישן גע־זעץ זיינען מיר, ווי א כלל, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מעשים פון יעדן איינעם. ביים סוף פון זיין רעדע האָט ער אָנגעוויזן מיט זיין שטעקן אויפן אָפענעם ים אַרום, ווו די „סאַקסאָניא״ איז בערך א מייל פון אונדז אויך געווען פאַראַנקערט, און אונדז סאַרקאַסטיש דערקלערט, אַז דאָרט איז דער צושטאַנד נישט אַזאַ גוטער ווי אויף „ראָיאַל עדוואַרד״ און דאָס זאָל זיין אַ וואָרענונג פאַר יעדן איינעם. מיט אָט־דעם סטראַשען האָט ער יעדנפאַלס אָפּגעשוואַכט א סך פון דעם גוטן איינדרוק, וואָס זיין רעדע האָט געמאַכט, אָבער נאָך די טרויעריקע דערפאַרונגען אין „אָלימפּיאַ״ האָט מען עס שוין געדאַרפט אַריינעמען אינעם עיניק.

דאָס איז געווען א וואָך נאָך מיין אָנקום. דאָס וועטער איז געווען אויסערגע־ווינלעך שטורמיש. די כוואַליעס האָבן שטאַרק געטרייסלט מיט דער שיף און א סך פון די געפאַנגענע האָבן באַקומען די ים־קראַנקייט. איך בין געזעסן צוזאַמען מיט ערנסטן אין אַ ווינקל פונעם עסזאַל. זינט מיין אָפּפאָר פון לאָנדאָן האָב איך נישט

באַקומען קיין שום ידיעה פון דער היים און ביי די מיזעראַבלע פּאָסטפאַרהעלטע־ נישן האָב איך פאַר די קומענדיקע אכט אָדער צען טאָג נישט געקאָנט דערוואַרטן קיין שום בריוו. אָבער פּלוצים האָב איך געהערט אויסרופן מיין נאָמען. איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן און געזען ווי אַ זעלנער זוכט מיך אַרום. איך האָב זיך דערנענטערט צו אים, געזאָגט, אַז איך בין דער געזוכטער און ער האָט מיר געהייסן אים נאָכגיין און מיר געזאָגט, אַז דער אַדיוטאַנט וויל מיט מיר רעדן. ווען מיר זיינען אַרויפגעקומען אויף דער צווייטער דעק, האָט דער ווינט אויף אונדז געפּייטשט מיט זיין גאַנצער קראַפט, אַזוי אַז מיר האָבן זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס. דער זעלנער האָט מיך צוגעפירט צו אַ גרופּע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך פעסט צוגעהאַלטן ביים פאַרענטש פון דער שיף און אַריינגעקוקט אינעם שטורמישן ים. ווען דער אַדיוטאַנט האָט מיך געזען, האָט ער צו מיר פריינטלעך געזאָגט, אַז מיין פרוי איז געקומען, כּדי מיך צו זען, אָבער דאָס קליינע שיפל קאָן צוליב די שטאַרקע כוואַליעס נישט צוקומען צו דער שיף. ער האָט נאָך נישט געהאַט פאַר־ ענדיקט זיינע רייד, ווי אַ קליין שיפל איז, ווי אַ שאָלעכץ פון אַ ניסל, געגעבן אַ פלי פאַרביי אין ים מיט אַ געוואַלטיקער שנעלקייט בערך אכט ביז צען מעטער ווייט פון אונדזער שיף. איך האָב נאָך באַוויזן דאָרטן צו דערזען מילין, וועלכע איז געזעסן אין דער מיט פונעם שיפעלע און מיט זוכנדיקע אויגן געקוקט צו דער דעק. זי האָט מיך תיכף דערקענט און מיט פרייד געפאָכעט צו מיר. איך האָב געזען ווי אירע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, אָבער דער שטורעם האָט פאַרהילכט איר׳ע ווערטער. דאָס שיפעלע האָט אַרומגעקרייזט אונדזער שיף צען ביז צוועלף מאָל און איז כסדר צו־ געקומען נענטער, ביז דער רודערער האָט אויסגענוצט אַ גינציקן מאָמענט און בליצשנעל אַראָפּגעלאָזט די הענגענדיקע טרעפּ. די באַוועגונג איז געווען אַזוי העפטיק, אַז דאָס קליינע שיפעלע האָט זיך כימעט איבערגעקערט. איך בין געווען ווי באַטויבט און האָבן כימעט נישט געטרויט מיינע חושים. ערשט ווען דאָס שיפעלע איז געשטאַנען טיף אונטער מיר, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון מיין באַטויבונג. אַ פּלוצימדיקע שרעק האָט מיך אַרומגעכאַפּט, ווייל ערשט איצט איז מיר קלאָר געוואָרן, צו וואָס פאַרא סכנה מיין געטרייע לעבנס־חברטע האָט זיך געהאַט אויס־ געשטעלט.

ווען איך האָב אַראָפּגעקוקט צום קליינעם שיפל, איז מילי געשטאַנען אין דער מיטן, דעם קאָפּ פאַרריסן אויף אַרויף און מיט שטראַלנדיקע אויגן. זי איז געווען אינגאַנצן דורכגענעצט, ווייל בעת דער ווילד־בראַוזנדיקער רייזע אויפן ים האָבן די כוואַליעס זיך כסדר אָנגעשלאָגן אויפן שיפל און עס אינגאַנצן פאַרגאָסן. מ׳האָט איר נישט דערלויבט אַרויפצוקומען אויף דער שיף, ווייל דאָס וועטער האָט זיך לייכט געקאָנט פאַרערגערן, אָבער אויך מיר האָט מען נישט דערלויבט אַראָפּצוגיין אויף די טרעפּ. מיר האָבן זיך בלויז געקאָנט צושרייען אייניקע ווערטער, וועלכע זיינען אָבער על־פּי־רוב פאַרשלונגען געוואָרן פונעם ווינט. נאָך אייניקע מינוט האָט זיך דאָס שיפל ווידער אָנגעהויבן באַוועגן און אָפּשווימען צוריק צו דער יבשה. איך האָב מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ נאָכגעקוקט דעם זיך אומקערנדיקן שיפל, וועלכעס

האָט געשוועבט ווי אַ פעדער אויף די ווייסע שפּיצן פון די כוואַליעבערג. מילי האָט כסדר געפּאָכעט מיט א ווייסן טיכעלע, אָבער איך בין קוים געווען אימשטאַנד צו ענטפערן אויף איר גרוס, ווייל אַ מאָדנע־אומהיימלעך געפיל האָט מיר כימעט פאַר־קוועטשט דעם האַלדז. ערשט ווען איך האָב געזען, אז דאָס קליינע שיפל איז שוין אַריינגעשוואומען אין רואיקן וואסער און איז שוין נאָענט פונעם האפנברעג, האָב איך אָנגעהויבן פילן א פארלייכטערונג, גלייך ווי אַ שטיין וואָלט מיר אַראָפּ פונעם הארץ און פאמעלעך האָט מיך אַרומגעכאפּט א געפיל פון פרייד. די ליבע, גוטע מילי! וואָס וואָלט זי אַלץ נישט געטאָן, ביכדי מיר צו פאַרשאַפן די מינדסטע פאַרלייכטערונג אין מיין שווערער לאגע! ערשט שפּעטער בין איך געוויר געוואָרן די נעענטערע פּרטים פון אָט־דער אוואנטוריסטישער רייזע. אינעם זעלביקן טאָג פון אונדזער אָפּפאָר איז מילי געקומען אין „אָלימפּיא"־לאגער און האָט באוויזן אויסצופועלן זיך צו זען מיטן קאָמאנדאנט, וועלכער האָט איר נאָך אביסל קווענקלעניש אָנגעגעבן מיין נייעם אַדרעס. האָט זי נאָכדעם תיכף געשריבן צום קאָמאנדאנט פון דער שיף „ראָיאַל עדוואַרד" און געבעטן א דערלויבעניש פאר א באזוך. ווי נאָר זי האָט באקומען די דערלויבעניש, איז זי תיכף אָפּגעפאָרן קיין סאוטהענד, נישט געקוקט אויפן שלעכטן וועטער. דאָרט האָט מען זי לכתחילה נישט געוואָלט לאָזן נעמען דאָס קליינע שיפל, אָבער זי האָט זיך געהאלטן פעסט און דער אָפיציר האָט איר געמוזט נאָכגעבן. ס'איז געווען דאָס גרויסע גליק פון מיין לעבן, וואָס אויף מיין גורל איז אויסגעפאלן צו האָבן אזא בראווע און מוטיקע פרוי, וועלכע האָט נישט נאָר געהאט דיזעלביקע אידעען וואָס איך, נאָר איז אויך געווען אימשטאַנד אויסצוהאַלטן און צו טראָגן אַלע ניסיונות פונעם לעבן און פונעם צופאַל.

קורץ פאר ווייניאכטן איז דאָס וועטער געוואָרן אייזקאַלט און שטורמיש. פונ־דעסטוועגן זיינען מיר געווען געצוווּנגען יעדן אינדערפרי פון 8 ביז 10 אזייגער צו זיין אויפן אָפענעם דעק, אָן יעדן איינזעעניש אויפן וועטער און אויפן געזונטצו־שטאַנד פון די מענטשן. צום ערגסטן האָבן פון אָט־דער אומזיניקער פאָרשריפט אָפּגעשניטן די עלטערע מענטשן, און ס'איז געווען אַ היפשע צאָל פון זיי צווישן אונדז. אוודאי האָט מען נישט געקאָנט לאָזן אונטן די מענטשן, ווען מ'האָט געדאַרפט דורכ־פירן די טעגלעכע רייניקונג פון די קאַבינעס, קאָרידאָרן און זאַלן. אָבער אָט־די אַרבעט האָט קוים געדויערט א שעה צייט און ס'איז נישט געווען קיין שום סיבה, פארוואָס די געפאנגענע זאָלן ביי יעדן וועטער מוזן זיך אויפהאַלטן דריי און צומאָלס אפילו פיר שעה אויפן דעק און אין אָט־דער צייט פונעם יאָר זיין אויסגעשטעלט צום שטורעם, רעגן און שניי־זאַווערוכעס. ס'איז געווען פשוטע אייגנוויליקייט און נישט עפּעס אַנדערש, פונקט ווי אונדזער גאַנצע געפאַנגענשאפט איז עס געווען, הגם מען האָט זי געזוכט צו באַרעכטיקן ווי אַ נויטווענדיקייט.

אויפן הינטערשטיקן דעק פון דער שיף איז געווען א קליינע קאבינע צום רויכערן, וווּ ס'פלעגן זיך יעדן אָוונט צונויפקומען צוואנציק ביז פינפאונצוואנציק מאַן, ביכדי ביים רויכערן א פייקע אָפּצוקומען די עטלעכע שעה ביז צום גיין שלאָפן. דער רוב פון די, וואָס פלעגט זיך דאָרט צונויפקומען, זיינען געווען דייטשע מאַט־

ראַזן, וועלכע זיינען באלד ביים אָנפאנג פון דער מילחמה אַראָפּגענומען געוואָרן פון פארשידענע שיפן, ווען זיי האָבן זיך געפונען אונטערוועגס קיין דייטשלאַנד. חוץ זיי זיינען דאָרט אויך געווען אַרבעטער פון פארשידענע פאַכן און אייניקע הערן, וועלכע האָבן נישט באלאנגט צום אַרבעטערקלאַס. מיין שוואָגער ערנסט האָט מיך דאָרט אַריינגעפירט, אָבער אין דער ערשטער צייט האָב איך דאָרט געשפילט א ראָל פון אַ שטילן צוהערער, ביכדי צו אָבסערווירן די מענטשן און זיך בעסער באקענען מיט זיי. די שמועסן האָבן זיך געדרייט כימעט אויסשליסלעך ארום דער מילחמה און וועגן דער פראַגע, ווי לאנג זי קאָן נאָך דויערן. די שטימונג פון די מענטשן איז געווען בערך דיזעלביקע ווי ביי די אינטערנירטע אין „אָלימפּיא״, אָבער פונדעסטוועגן האָב איך אויך דאָ באלד אויסגעפונען, אז זייער אזויגערופענער פאטריאָטיזם האָט זיך שורש מער אין זייער באליידיקטן געפיל פאר גערעכטיקייט איידער אין עפּעס אַ פון פאַרויס אָנגענומענער אידעע. געווען דאָ מענטשן, וועלכע זיינען געווען אין פאר־שידענע לאַגערן, ביז מען האָט זיי געבראַכט דאָ אהער, און ס'איז פאר מיר געווען זייער אינטערעסאנט זיך צו באקענען מיט זייערע פערזענלעכע דערפאַרונגען. דער רוב פון זיי האָט אין דער ערשטער צייט פון זייער געפאַנגענשאפט געמוזט אויס־שטיין אַלע מעגלעכע פורעניות, וואָס מ'קאָן זיך נאָר אויסמאָלן, אָבער לויט דעם אלעם, וואָס איך האָב געהערט, וויזט־אויס, אז די פארהעלטעניש אינעם לאַגער ביי יאָרק זיינען געווען די בעסטע ווי אומעטום.

דאָס הייסט נישט, אז די מאטעריעלע און סאניטארע באדינגונגען זיינען דאָרט געווען בעסערע. וועגן דעם האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד אין דער ערשטער צייט, ווען די פּאָליציי האָט אונטערן דרוק פון דער העצע קעגן די דייטשן אַרעס־טירט און אינטערנירט אָן א סדר יעדן איינעם ווער נאָר ס'איז איר געקומען אונטער די הענט. אין יאָרק זיינען די אַרעסטירטע אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין אלערליי האלב־איינגעפאלענע שייערן פון נעבן די באנליניעס, ווו זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף אלע אומברחמנותדיקייטן פונעם וועטער. אויך די באשפּייזונג אין אלגעמיין איז נישט געווען פיל בעסער ווי אין „אָלימפּיא״. אָבער דער קאָמאנדאנט פונעם לאַגער ביי יאָרק איז געווען א מענטשלעך־דענקנדיקער מאַן, וועלכער האָט גענומען ערנסט זיין מיסיע און געזוכט צו פארלייכטערן דעם גורל פון די געפאנגענע ווו נאָר ער האָט געקאָנט. ער פלעגט יעדן טאָג קומען צווישן זיי און תמיד געהאט אן אָפן אויער פאר זייער קלאָגן זיך און זייערע טענות. מענטשן, וועלכע האָבן א סך געליטן, זיינען בדרך כלל אומגערעכט אין זייערע טענות ומענות, און אויך די מענטשן פון יאָרק האָבן געמוזט דורכמאכן א סך שווערעליידן. אָבער פונדעסטוועגן האָב איך קיינמאָל נישט געהערט קיין שום פאָרוואורף אָדער טענה קעגן קאָמאנדאנט און דאָס איז זיכער דער העכסטער כבוד פאר אָט־דעם ווילן מענטשן. פון די נידעריקע באַ־ליידיקונגען און גראָבער באהאנדלונג, וועלכע זיינען געווען אויפן סדר־היום אין „אָלימפּיא״ און אין א סך אנדערע לאַגערן, האָט מען אין יאָרק נישט געוווסט. די לאַגע איז געווען א שלעכטע, אָבער די געפאנגענע זיינען לפּחות באהאנדלט גע־וואָרן ווי מענטשן און נישט ווי געזעלשאפטלעך־אַרויסגעשטויסענע, וועלכע זיינען

הפקרדיק און מוזן באהבה אָננעמען יעדע באלײדיקונג אויף זייער מענטשלעכער חשיבות.

און הגם איך בין נאָך געווען ווייניק באַקאַנט מיט די מענטשן, וועלכע פלעגן זיך יעדן אָוונט צונויפקומען אין דער קאַבינע צום רויכערן, און כ'בין אויך כימעט קיינמאָל נישט געווען איינשטימיק מיט זייערע מיינונגען און קוק אויף זאַכן, פונדעסטוועגן האָב איך דאָך הנאה געהאַט פון זיי. באַזונדערס זיינען מיר געפעלן געווארן די ים־מענטשן. זיי זיינען אַלע געווען מוטיקע, שטאַנדהאַפטיקע מענטשן מיט אַ נישט פאַרהוילענער אָפנהערציקייט. ס'איז אמת, אַז זיי האָבן נישט געוויגן אויף דער וואָגשאָל יעדעס וואָרט, וואָס זיי האָבן אַרויסגעלאָזט פון זייער מויל, אָבער זייער רויִע גוטמוטיקייט האָט געווירקט גוט אויף מיין געמיט. אין איינעם אַן אָוונט, ווען מיר האָבן זיך ווידער צונויפגעטראָפן, און, ווי געוויינלעך, האָט די מלחמה געמוזט זיין די טעמע פונעם שמועס, האָבן די היפּערפּאַטריאָטישע דעקלאַמאַציעס פון איינעם אַ הער, וועלכן כ'האָב געזען צום ערשטן מאָל אין אונדזער קרייז, אַרויסגערופן מיין ווידערווילן ביז צו אַזאַ מדרגה, אַז איך האָב זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און איך בין אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן אים. ווען איך האָב פאַר דעם היפּערפּאַטריאָט קלאָר און שאַרף אַרויסגעלייגט מיין מיינונג וועגן דער מלחמה און אירע סיבות, איז פּלוצים אַנטשטאַנען אַ מאָדנע שטילקייט, ווייל איך האָב דאָ אָנגערירט אַ זייער ווייטיקלעכן און דעליקאַטן פּונקט. אַלע האָבן זיך צוגעהערט צו מיינע ווערטער מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט און האָבן זיך געפילט מאָדנע באַווירקט. דאָס איז געווען אַ גאַנץ נייע נאָטע אין אָט־דעם קרייז, ווו אַלעס, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום קריג, איז געווען מער אָדער ווייניקער אָנגעשטעלט אויף איין און דעמזעלביקן טאָן. ביסלעכווייז האָט זיך אָנגעהויבן אַ לייכטע דיסקוסיע, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט עטלעכע פון מיינע חברים בצרה. איך האָב גערן געענטפערט אויף די פראַגן, וועלכע זיינען מיר געשטעלט געוואָרן, און הנאה געהאַט איינצוזען, אַז אייניקע פון די צוהערער האָבן זיך פאַרטראַכט וועגן דעם געהערטן. אין יענעם אָוונט איז דער סיגנאַל צו גיין שלאָפן געקומען צו פרי פאַר אונדז און איך בין געווען איבערצייגט, אַז אין אַ סך קאַבינעס האָט זיך דער שמועס פונעם אָוונט נאָך לאַנג געפירט ווייטער.

און אָט איז געפייערט געוואָרן דער ווייַנאַכט־אָוונט אינעם גרויסן זאַל מיט התפּעלותדיקע רעדעס און ביליקער צעשטרייונג. מ'האָט יעדן איינעם געגעבן עטלעכע קלייניקייטן ווי אַ מתנה און אַזוי אַרום האָט מען אין משך פון אייניקע שעה פאַרגעסן אין דער ברוטאַלער ווירקלעכקייט. איך אָבער בין אין יענעם אָוונט פאַרבליבן אַליין אין מיין איינזאַמקייט און בלויז פון ווייטנס געהערט די הייזעריקע קלאַנגען פון דער מוזיק און דעם טעמפּן געמורמל פון דער מאַסע. אַליין בין איך געווען, לגמרי אַליין, דאָס ערשטע מאָל זינט יענעם אָוונט, ווען איך בין אַרויסגעריסן געוואָרן פון צווישן די מייניקע. ס'האָט מיך באַהערשט אַזאַ מין נחת־רוחדיק געפיל; האָב איך דאָך במשך דער גאַנצער צייט קיינמאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט אפילו אויף קיין איין מינוט צו באַלאַנגען צו זיך אַליין. איך בין קיינמאָל נישט

געווען קיין פרוש און בין לויט דער גאנצער נאטור מיינער תמיד געווען גענייגט שטאַרק געזעלשאַפטלעך. אָבער פונדעסטוועגן האָב איך באַנומען דאָס שטענדיקע געצוווּנגענע צוזאַמענלעבן מיט אַנדערע מענטשן ווי איינע פון די ערגסטע זייטן פון דער געפאַנגענשאַפט. דער געננצלעכער מאַנגל פון יעדן מין פּריוואַטן לעבן איז אָן צווייפל די ערגסטע פּיין און אָפּקומעניש פאַר עמפּינדלעכע און גייסטיק שטרעבנדיקע מענטשן. איך בין פעסט איבערצייגט, אַז דער סיסטעם פון איזאָלירטן איינצל־אַרעסט קאָן אין זיינע לעצטע קאָנסעקווענצן נישט ווירקן אַכזריותדיקער ווי יענע אייביקע געצוווּנגענע צוזאַמענלעבן מיט אַנדערער מענטשן, ווען מ׳האָט געננצלעך אָפּגעזאָגט דאָס רעכט אויף זייער אינדיווידועלער עקזיסטענץ.

האָב איך איצט געקאָנט שווייגן אין מיין איינזאַמקייט און חלומען מיט אָפענע אויגן. אַלטע זכרונות פון לאַנג פאַרגאַנגענע צייטן זיינען אויפגעקומען אין מיין נשמה און זיי האָבן זיך פּאַמעלעך אויסגעשטעלט אין געדאַנקען און געפילן. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, גלייך ס׳וואָלט געלעגן אַ גאַנצע אייביקייט צווישן מיר און דעם רעשט וועלט. די עטלעכע ביכער, וועלכע איך האָב מיטגענומען פון דער היים, זיינען ביז איצט געבליבן אומבאַרירט. היינט אָבער האָב איך געפילט, אַז איך בין אַליין מיט זיך גופא. אינסטינקטיוו האָט מיין האַנט אַ נעם־געטאָן דעם ערשטן טייל פונעם „פאַוסט". דער לאָמפּ האָט געוואָרפן זיין מילדן שיין אויפן צעעפנטן בוך אין מיין האַנט. די קרעפטיקע דיכטונג האָט אַרומגעכאַפּט מיין נשמה ווי אַ וועלט־פרעמדער חלום און מיך אַוועקגעפירט אין יענעם אומדערפאַרשבאַרן קעניג־רייך, וועמעס נאַנטקייט מיר פילן בלויז בינשיקה אין די שטילסטע שעהן פון אונדזער לעבן. איך בין פריער קיינמאָל נישט אַריינגעדרונגען מיט אַזאַ התפעלות אינעם גייסט פונעם מעכטיקן ווערק ווי אין יענעם אומפאַרגעסלעכן ווייַנאַכט־אָוונט. אין מיינע אויערן האָבן ווי אָפּגעהילכט ווייטע טענער פון אַן אָרגל; ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, ווי איך וואָלט געהערט קרייזן אַרום זיך ווייטע, פרעמדע וועלטן.

און איך האָב זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, אַז „פאַוסט" איז אָנגעשריבן געוואָרן אין אַן ענלעכער צייט ווי די היינטיקע, ווען די מלחמה־פוריע האָט חרוב געמאַכט גאַנץ אייראָפּע און דייטשלאַנד האָט געבלוטיקט פון טויזנט וווּנדן, — אַ בילד פון עלנט און טיפסטער נויט. אַ באַפרייענדיקער אויפטו פאַר אונדזער לאַנד איז געווען דאָס ווערק פון זיין גרעסטן גייסט, וועלכער האָט געוואָלט אַרויספירן זיין פאָלק פון דער פאַרדומפּענער לופט פון אַ נעבעכדיקער ווירקלעכקייט, ביכדי עס זאָל קאָנען גענעזן ווערן און זיך קרעפטיקן ביי נייע קוואַלן פונעם לעבן. מיט וואָס פאַראַ פאַראַכטונג האָט דייטשלאַנדס גרעסטער דיכטער געמוזט אַראָפּקוקן אויף די ליליפּוט־פיגורן פון זיין צייט, וועלכע האָבן געמיינט, אַז זיי מאַכן געשיכטע, בעת די געשיכטע האָט מיט אייזערנע סאַנדאַלן אַריבערגעשפּאַנט איבער זייער פוסטקעפּיקייט. אַ נייע צייט איז אָנגעקומען, און זיי האָבן נישט געוווּסט דערפון, ביז דער שטורעם, וועלכער איז אָנגעקומען פון מערב, האָט אַראָפּגעריסן די פאַרשטויבטע שייטלען פון זייערע פלי־כעוואַטע קעפּ. ווער דערמאָנט זיך נאָך היינט אין זיי? אפילו די געקינצלטסטע צוזאַ־מענקלעפּונג פון די הויפּישע היסטאָריקער איז נישט אימשטאַנד צו מאַכן אויפלעבן

זייערע קליינע נשמהלעך. דער „פאָוסט" אָבער, דאָס קרעפטיקע העלדנליד פונעם מענטשנטום, וועלכעס רייסט זיך צו דערקענטעניש, דער פרעכטיק־בארימטער סימ־באָל פון דער דערלייזונג פונעם מענטשן דורכן מענטשן, וועט פאר אונדז תמיד זיין אן אייביקע אנטפּלעקונג, וועלכע לאָזט אַריינדרינגען איר פייערשיין אין די פאר־באָרגנסטע ווינקלען פון אונדזער נשמה. דאָס האָב איך אין יענעם ווייַנאכט־אָוונט געפילט טיפער ווי ווען ס'איז פריער.

מיטאַמאָל האָב איך דערהערט אַ שטאַרקן רעש פון די טרעפּ, וועלכע האָבן גע־פירט צום גרויסן זאַל. דער קאָנצערט האָט זיך געענדיקט; אין ווילדן געיעג האָבן זיך די געפאַנגענע געיאָגט צוריק אין זייערע קאַבינעס. נו, איצט מעגן זיי שוין קומען; איך בין געווען גרייט זיך צו טיילן מיט זייער פרייד און נאָך אַ שעה זאַרגלאָז צו פּלוידערן. בין איך דאָך זיי שולדיק געווען אַ גרויסן דאנק דערפאר, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו פייערן דעם הייליקן אָוונט אויף מיין אופן.

דעם צווייטן טאָג פון די ווייַנאכט־יום־טובים בין איך צופעליק געווען אַן עדות פון אַן אויפרעגנדיקן עפּיזאָד אויפן באָרט פון דער שיף. ס'איז געווען מיטיקצייט. כימעט אַלע געפאַנגענע זיינען שוין געהאט אוועק אין ביידע עסצימערן, בלויז איך אַליין בין נאָך פארבליבן אויף דער דעק און געשמועסט מיט צוויי פון מיינע נייע באַקאַנטע. פּלוצים האָבן מיר געהערט פון דער וויטנס דאָס טעמפּע קייקלען זיך פון אַ קאַנאָנענשאָס, נאָך וועלכן ס'זיינען געקומען נאָך פיר אָדער פינף שאָסן. פונעם שארפן אויפבליק פון די אויסשאָסן האָבן מיר דערקאָנט, אַז דאָס פייער איז געקו־מען פון דער אַנדערער זייט ברעג, ווו ס'האָט זיך געפונען דער קריגס־האַפן שיר־נעס. אייניקע קאַנאָנען־קוילן האָבן אַריינגעשלאָגן אין וואַסער פופציק ביז זעכציק מעטער ווייט פון אונדזער שיף. איך האָב זיך אָט דעם מאָל נישט געקאָנט דערקלערן. פּלוצים האָט זיך געלאָזט הערן אַ סיגנאַל און די גאַנצע מיליטערישע מאַנשאַפט איז געקומען אויף שנעל צו לויפן אַרויף אויבן אויף דער דעק. דער אַדיוטאַנט האָט געהאַלטן זיין רעוואָלווער אין דער האַנט און געוואַלדעוועט ווי אַ משוגענער. אַלע האָבן אַרויפגעקוקט אויבן און אייניקע האָבן געשאָסן פון זייערע ביקסן. איך האָב געקוקט אין דערזעלביקער ריכטונג ווי זיי, האָב אָבער פון אָנהייב גאָרנישט געקאָנט באַמערקן, ערשט נאָך אייניקע מינוט האָב איך דערקענט אַן עראָפּלאַן, וועלכער האָט זיך געפונען אויף אַ קאָפּשווינדלענדיקער הויך און אויסגעזען צו פליען איבער אונדזער שיף. אַן אָפיציר האָט אונדז באַמערקט און אונדז באַפוילן צו פאַרלאָזן די דעק.

אונדזערע מיטגעפאַנגענע אינעם גרויסן זאַל, אַלאַרמירטע צוליבן שיסן, זיינען געווען שטאַרק צערודערט און זיינען אונדז באַפאַלן מיט פראַגן. מיר אָבער האָבן זיי בלויז געקאָנט זאָגן דאָס, וואָס מיר האָבן געזען. מיטאַמאָל האָט זיך ווידער גע־הערט דאָס קראַכן פון אייניקע שאָסן. ס'האָבן זיך געלאָזט הערן אויפן קול אַ סך השערות. דער רוב איז געווען מיט דער מיינונג, אַז דייטשע פליער האָבן אויסגע־נוצט גראַד דעם ווייַנאכט־יום־טוב, כּדי צו מאַכן אַ באַזוך ביים ענגלישן ברעג. אַ סך פון די אינטערנירטע האָבן דאָס באַטראַכט ווי אַ זייער אומאַנגענעמען פאַקט,

ווייל דער אויפהאלט אין שכנות פון שירנעס האָט זיך זיי שוין איצט נישט אויס־געוויזן פאַר זייער פּאַסיק.

איך האָב זיך שוין געהאַט גאַנץ גוט צוגעוווינט צו די נייע פאַרהעלטענישן. דער אַלגעמיינער צושטאַנד איז געווען אָן אַן ערך בעסער ווי אין „אָלימפּיאַ״. דירעקטע שלעכטע באַהאַנדלונג און גראָבע באַליידיקונג פון די געפאַנגענע, ווי דאָס איז געווען איינגעפירט אין „אָלימפּיאַ״־לאַגער, וועגן דעם האָט מען אויף דער שיף „ראַיאַל עדוואַרד״ קיינמאָל נישט געוווּסט. מ'האָט דאָ אויך נישט געוווּסט פון קיין שום אַרבעטס־צוואַנג, מיטן אויסנאַם פון דער טעגלעכער רייניקונג פון די קאַבינעס און זאַלן אָדער די נייטיקע הילף ביים באַקומען דאָס עסן. און ווען אַפילו די באַקוועמ־לעכקייטן צום וואַשן זיינען דאָ געווען אַ סך בעסער ווי אין „אָלימפּיאַ״, זיינען זיי אָבער נישט גענוג געווען פאַר די קרוב 1300 געפאַנגענע. מיר האָבן שטענדיק גע־מוזט שטיין אין די רייען און וואַרטן, ביז אַ וואַשבעקן איז פריי געוואָרן. אַ גרויסע און טייערע זאַך זיינען געווען די עטלעכע קליינע באַד־קאַבינעס, וווּ מ'האָט צו יעדער שעה אין טאָג געקאָנט האָבן אַ וואַרעם ים־באַד. אוודאי איז דאָס באָדן זיך געווען פאַרבונדן מיט געוויסע שוועריקייטן און אומבאַקוועמלעכקייטן צוליב אונדזער גרויסער צאָל, אָבער נאָך די שוידערלעכע דערפאַרונגען אין „אָלימפּיאַ״־לאַגער, ווו ס'זיינען איבערהויפּט נישט געווען קיין בעדער און קיין מעגלעכקייט זיך צו באָדן, האָט מען געערן שלום געמאַכט מיט די אומבאַקוועמלעכקייטן.

פּונקט ווי אין „אָלימפּיאַ״, האָט מען אויך דאָ געגעבן דריי מאָלצייטן טעגלעך. יעדער איינער האָט טעגלעך באַקומען אַ פונט ברויט, וועלכעס מ'האָט געגעבן איינ־דערפרי ביים אָנבייסן. דאָס ברויט, וואָס איז געבאַקן געוואָרן אויף דער שיף גופא, איז געווען געשמאַקער ווי אין „אָלימפּיאַ״, אָבער ס'איז, צום באַדויערן, קיינמאָל נישט געווען גוט אויסגעבאַקן, אַזוי אַז מ'האָט דערפון געקאָנט עסן קוים עפּעס מער ווי די רינדל. דאָס מיטיק־עסן איז לכתחילה צוגעגרייט געוואָרן פון ענגלישע קו־כערס. די פּאַרציעס זיינען געווען אַביסל גרעסער ווי אין „אָלימפּיאַ״, אָבער וועגן דער קוואַליטעט פון די מאכלים און ביפרט וועגן דער צוגרייטונג זייערער האָט מען געקאָנט עפּעס אויסזעצן. 6 אַזייגער פאַרנאַכט האָט יעדער איינער באַקומען אַ שטיקל מאַרגאַרינע אָדער קעז, וועלכע זיינען געגעסן געוואָרן צוזאַמען מיטן ברויט ווי דאָס דריטע מאָלצייט. אין אַלגעמיין איז די באַשפּייזונג געווען אַ צו קנאַפּע, ביכדי צו קאָנען באַפרידיקן דעם דורכשניטלעכן אַפּעטיט פון אַ געזונטן מענטשן, און ווער ס'האָט פון זיינע קרובים פון דרויסן נישט באַקומען עפּעס צוגעשיקט, האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט אָנעסן צו זעט.

די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ זייער פּשוטע. די געפאַנגענע זיינען געווען פונאַנדערגעטיילט אין אַזויגערופענע „ליניעס״. יעדע „ליניע״ האָט אַרומ־גענומען בערך 100 מאַן און האָט אויסגעקליבן איר אייגענעם „ליניע״־קאַפּיטאַן, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער טעגלעכער רייניקונג פון די לאָ־קאַלן און יעדן אינדערפרי געמוזט איבערגעבן אַן אינפאָרמאַציע דעם אַדיוטאַנט. אויך די פּאָסט־באַדינונג איז גענצלעך אויסגעפירט געוואָרן דורך די געפאַנגענע

גופא אונטער דער אָנפירונג פון אַן ענגלישן צענזאָר און האָט געאַרבעט אויסגע־צייכנט. אָנגעקומענע פּעקלעך פלעגן געעפנט ווערן אין אָנוועזנהייט פונעם צענזאָר אָדער פון אַן אַנדערן אָפיציר אין די אויגן פונעם געפאַנגענעם, אַזוי אַז ס׳איז געווען אויסגעשלאָסן יעדע פעלשונג. פונדעסטוועגן זיינען אויך דעמאָלט פאַרלוירן גע־וואָרן אַ סך פּעקלעך, אָבער אין פאַרגלייך מיטן צושטאַנד אין „אָלימפּיאַ״ איז אויך אין דעם פּרט פאָרגעקומען אַ גרויסע בעסערונג.

ס׳וואָלט דאָך אייגנטלעך געדאַרפט אויסקומען, אַז צווישן מענטשן, וועלכע זיינען אויפן זעלביקן אופן געשטראָפט געוואָרן פונעם גורל, וואָלט געדאַרפט הערשן אַ געוויסע סאָלידאַריטעט. פון דעם איז אָבער נישט געווען צו מערקן קיין שום שפור. די קלאַסנקעגנזאַצן אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד״ זיינען דווקא געווען פאַרדריסלעכע און האָבן לגמרי נישט געלאָזט אויפקומען קיין שום געמיינשאַפטלעך געפיל. ווען די ערשטע געפאַנגענע זיינען געבראַכט געוואָרן אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד״, האָט די ענגלישע מיליטערישע פאַרוואַלטונג לחלוטין נישט געמאַכט קיין שום חילוק צווישן די פאַרשידענע קלאַסן. די אָנגעקומענע מענטשן זיינען לויט דער ריי נאָך באַזעצט געוואָרן אין די פאַרשידענע שלאָפּפלעצער און ס׳איז געווען פּשוט אַן עיניין פון צופאַל, אויב ס׳איז דעם אָדער יענעם אויסגעפאַלן אַ קאַבינע פון צווייטער אָדער דריטער קלאַס. דאָס האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג, ווייל באַלד נאָך אַ קורצער צייט האָט זיך אַ גרופּקעלע פערזאָנען, וועלכע איז געווען געבענטשט מיט מער ערדישע גיטער ווי דער רוב פונעם רעשט מיטגעפאַנגענע, צוגערוקט צום קאָמאַנ־דאַנט און אים געבעטן, ער זאָל זיך דערבאַרעמען איבער זיי און זיי אָפּזונדערן פונעם געוויינלעכן פּעבל. דעם קאָמענדאַנט האָט זיך פון אָנהויב די זאַך נישט גע־לייגט אויפן שכל, אָבער מיטאַמאָל איז געשען דאָס מאָנסטרועזע: די דאָזיקע בעסערע הערן, בראש פון וועמען ס׳איז געשטאַנען באַראָן פאָן נעטטעלהיים, האָבן פאָרגעלייגט דעם קאַפּיטאַן צו באַצאָלן פאַר די בעסערע קאַבינעס. אָט־די נידעריקע האַנדלונג, וועלכע מ׳קאָן באַצייכענען נאָר ווי אַ געמיינער פאַרראַט לגבי די אינטערעסן פונעם כלל, איז נאָך כאַראַקטעריסטישער דערמיט, וואָס דווקא אָט־די לייט האָבן קיינמאָל ניט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט זיך אַרויסצושטעלן ווי די באַרופנסטע פאַרשטייער פונעם דייטשטום. און איצט האָבן זיי אויף אַן אומפאַרשעמטן אופן אָנגעבאָטן דער ענג־לישער מיליטערישער פאַרוואַלטונג איר צו באַצאָלן פאַר זייער געפאַנגענשאַפט, מיטן איינציקן צוועק צו קאָנען ציען אַ גוט־אָנזעעוודיקע אָפּשייד־ליניע צווישן זיך און זייערע אָרעמערע פאָלקס־חברים. איך ווייס נישט, ווי אַזוי דער קאָמאַנדאַנט האָט, ווי אַן ענג־לענדער, אויפגענומען און אָפּגעשאַצט דעם נעבעכדיקן אויפפיר פון אָט־די „דייטשע מענער״; דער סוף איז געווען, אַז ער איז איינגעגאַנגען אויפן פאָרלייג, וועלכער איז אים אויף אַזאַ אומפאַרשעמטן אופן געמאַכט געוואָרן. און פאַרוואָס זאָל ער עס טאַקע נישט טאָן? האָט ער דאָך גוט געוווסט, אַז אַזאַ אינערלעכע צעשפּאָלטנקייט צווישן די גע־פאַנגענע וועט אים זיכער פאַרלייכטערן זיין אויפגאַבע.

און ביכדי ווי צום בעסטן רעכטצופאַרטיקן פאַרן גאַנצן עולם אָט־דעם קוהאַנדל, האָט מען געלאָזט וויסן, אַז דער רעשט פונעם געלט פאַר די קאַבינעס וועט פאַר־

ווענדט ווערן פאר דער אונטערשטיצונג פון די אָרעמערע חברים. אינדעראמתן איז מיט אָט־דעם געלט געדעקט געוואָרן אַן א שיעור אויסגאבן, פאר וועלכע ס׳איז אויסגעקומען דער ענגלישער רעגירונג צו צאָלן. במשך דער גאנצער צייט פון מיין אויפהאלט אויף דער שיף זיינען די אָרעמערע געפאנגענע בלויז צוויי מאָל באגליקט געוואָרן מיט א שטיקעלע ווורשט און אביסעלע מאַרמעלאדע. א חשבון פון די געלטער איז קיינמאָל נישט געגעבן געוואָרן.

אָבער נאָך ערגער איז געווען, וואָס די באראָנען און די קלענערע פּריווילעגירטע, וועלכע האָבן זיך אַרום זיי גרופּירט, האָבן זיך אין א קורצער צייט אַרום פארמאָסטן אָנצוהאלטן אזא מין פּראָטעקטאָראט איבער זייערע מיטגעפאנגענע, צו וועלכן קיינער האָט זיי נישט אויטאָריזירט. און היות זיי זיינען מיט דער קאָמאנדאטור געשטאַנען אין די בעסטע באציונגען, האָט זיך יעדער איינער געמוזט אונטערוואַרפן אונטער זייער ווילן. יענע, וועלכע האָבן זיך געבונטעוועט קעגן אָט־דער „פאָרנעמער״ אַפּוט־רופּסות און געהאַט דעם מוט צו טראָצן מיט אָט־דער שטעכלקע, זיינען פאַרמסרט געוואָרן פארן קאָמאנדאנט ווי אומפארבעסערלעכע פרידנסשטערער און זיי פלעגן שטילערהייט דעפּאָרטירט ווערן צו דער שיף „סאקסאָניא״, ווו די אַלגעמיינע פאַר־העלטענישן זיינען געווען היפש ערגער ווי אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד״. אויף דעם אופן איז א קליינע פּריווילעגירטע מינדערהייט געווען אימשטאַנד אַרויפצוצווינגען אויף דער גרויסער מערהייט פון די געפאנגענע איר ווילן. ס׳איז אָט־די לייט ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט זייער שטאַרק צונוצגעקומען די ממש קלאָגעדיקע פּאַסי־וויטעט פון מיינע ליבע לאנדסלייט און די בשפעדיקע אונטערשטיצונג פונעם ענג־לישן קאָמאנדאנט, וועלכער איז דאָך געווען אוממיטלבאר פארינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון אזעלכע פאַרהעלטענישן.

אַזאַ איז געווען דער צושטאַנד, וועלכן איך האָב אָנגעטראָפן ביי מיין אָנקום אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד״. ס׳איז מיר באלד קלאָר געוואָרן, אז פריער אָדער שפּעטער וועט זיין אומפארמיידלעך א צוזאמענשטויס צווישן מיר און די אזוי גערופענע בע־סערע הערן. די „סאקסאָניאַ״ איז טאַקע נישט געווען קיין פאַרלאָקנדיקע פּער־ספּעקטיוו, אָבער איך בין געווען פעסט אַנטשלאָסן, איידער עס וועט דערגיין אַזוי ווייט, אויפצושפּילן פאר אָט־די הערן אזא מין שפּיל, וועלכן זיי זאָלן נישט אזוי גיך פארגעסן.

אין דער קליינער רייכערער־קאַבינע אויפן הינטערדעק איז עס יעדן אָוונט געווען שטאַרק לעבעדיק. זינט מיין ערשטן ארויסטריט דאָרט בין איך פונעם רוב פון די דאָרטיקע געסט אויפגענומען געוואָרן גערן און איך בין אינגאנצן אַריינגע־צויגן געוואָרן אין די דיסקוסיעס וועגן אלערליי פראגן, הגם קיינער האָט נישט געוווסט, וועלכע אידעען איך האָב אייגנטלעך פאַרטראָטן.

אין איינעם אַן אָוונט האָב איך פּאַרפירט אַ לענגערע דיסקוסיע מיט אַן עלטערן הער, וועמעס פאנגערמאנישע שטימונג ס׳האָט מיר שוין לאנג גערופן די אויפמערק־זאמקייט. בעת דער דעבאטע האָט ער מיר לסוף א זאָג־געטאָן, אז ער קאָן נישט גוט באגרייפן מיין שטאַנדפּונקט, מחמת אפילו מיינע אייגענע פריינט אין דייטשלאנד

האָבן דאָך מיט א זעלטענער איינשטימיקייט זיך צוגעהערט צום קייזערס אויפרוף אין אַט־דער שווערער צייט און אים געפאָלגט.

האָב איך אים געפרעגט, וועמען ער מיינט דאָס מיטן אויסדרוק מיינע כלומרשטע פריינט אין דייטשלאַנד.

„נו, די סאָציאַלדעמאָקראַטן, נאַטירלעך", — האָט ער געענטפערט.

דערפאַר איז אַזוי גרויס געווען זיין איבערראַשונג, ווען איך האָב אים דער־קלערט, אַז נישט איך בין איינשטימיק מיטן באַנעם און נאָך ווייניקער האָב איך וועלכע ס'איז שייכות מיט דער איצטיקער שטעלונג פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. אויף די איבעריקע האָבן אָנגעשטעלט טאַמעוואַטע פנימער. נו, האָב איך זיי גאַנץ אָפן דערקלערט, אַז איך בין אַן אַנאַרכיסט, אָבער אַז מיין קוק אויפן אַנאַרכיזם איז מיסתמא פון אַ גאַנץ אַנדערן מין ווי דאָס, וואָס זיי האָבן ביז איצטער וועגן דעם געהערט.

איז מען מיך פון אַלע זייטן באַפאַלן מיט שאלות און פאַרלאַנגט פון מיר גענוי־ערע ידיעות וועגן מיין באַנעם. האָב איך אין גאַנץ פשוטע ווערטער אַרויסגעבראַכט די גרונטפּרינציפּן פונעם אַנאַרכיזם, אַזוי אַז זיי זאָלן פאַר יעדן איינעם זיין לייכט צו פאַרשטיין און איך האָב זיך באַלד איבערצייגט, אַז דאָס, וואָס איך בין אויסן געווען, איז מיר פולשטענדיק געלונגען. דער אינטערעס, וואָס מיינע חברים בצרה האָבן ביי דער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן, האָט מיך אפילו איבערגעראַשט. אין יענעם אָוונט האָב איך געפילט בחוש, אַז מיין געפאַנגענשאַפט וועט דאָך אפשר נישט זיין אינגאַנצן אומפּרוכפּעריק. א נײ פעלד האָב איך איצט געהאַט פאַר זיך, וועלכעס איז נאָך געווען אינגאַנצן אומפּאַראַקערט און וועט אפשר שפּעטערצו אַרויסגעבן גוטע גערעטעניש.

מיט אייניקע טעג שפּעטער האָב איך געהאַט דעם ערשטן באַזוך פון מילי און פון מיין פריינט אַלעקסאַנדראָוויטש. אונדזער צונויפטרעף איז פאָרגעקומען אינעם פאָדערשטן טרעפּ־טורעמל, ווו מיר האָבן אין קעגנוואַרט פון אַן ענגלישן אָפיציר און אַ סערזשאַנט געקאָנט שמועסן צווישן זיך א פערטל שעה צייט. אין דער היים איז אַלעס געווען גוט. די חברים טוען אַלעס מעגלעכע, ביכדי אויסצופועלן מיין באַפרייונג און זיי זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אַז איך וועל באַלד זיין צוריק אין דער היים. איך האָב וועגן דעם געהאַט מיין אייגענע מיינונג, וועלכע כ'האָב אָבער נישט געוואָלט אַרויסזאָגן. די בעסטע ידיעה פאַר מיר איז געווען, אַז דער „אַרביי־טער־פריינד" גייט ווייטער אַרויס און אַז די חברים ברענגען די גרעסטע קרבנות, ביכדי דאָס בלאַט זאָל נישט אונטערגיין. די קורצע פערטל שעה איז צו גיך אריבער פאַר אונדז. מיר האָבן דאָך נאָך געהאַט אַזוי פיל זיך צו זאָגן. דאָס איז אָבער, צום באַדויערן, נישט מעגלעך געווען. יעדנפאַלס האָט מיר אַט־דער־דאָזיקער ערשטער וויזיט אַראָפּגענומען אייניקע שווערע זאָרגן פון דער נשמה און איך האָב איצט געקאָנט רואיקער באַטראַכטן די צוקונפט.

אינצווישנצייט האָבן זיך די קלאַסן־סתירות אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד" אַלץ מער צוגעשפּיצט. די באַראָנען און זייער סוויטע פלעגן ביז איצט עסן זייערע מאָל־

ציטן אין זעלביקן זאַל, ווו די אנדערע געפאַנגענע און צוזאַמען מיט זיי, ווו מ׳האָט פאַר זיי געהאַט רעזערווירט א באַזונדערן טיש. מיטאַמאָל האָט דער אדיוטאַנט גע־שטעלט אין זייער רשות א באַזונדערן סאַלאָן, ווו זיי האָבן באַקומען בעסער עסן און פרייע באַדינונג. זיי האָבן דערפאַר געמוזט באַצאָלן זעקס מיט א האַלבן שילינג טעגלעך פאַר יעדער פּערזאָן און זיי זיינען איצט געווען איינגאַנצן צווישן זיך. מיס־תמא וואָלט קיינער נישט געווען פאַרגאָסן קיין טרער נאָך זיי, אָבער ס׳איז באַלד נאָכדעם געקומען א שווערער קלאַפּ. ביז איצט האָבן אַלע געפאַנגענע געקאָנט באַנוצן די לאַנגע זייטיקע קאָרידאָרן פאַר זייערע טעגלעכע שפּאַצירן. מיטאַמאָל איז געקומען א נייע פאַראָרדענונג, לויט וועלכער די וואָס ווינען אין הינטערשטן טייל פון דער שיף, ווערן באַרויבט פון אָט־דעם רעכט און זיי קאָנען זיך אויפהאַלטן בלויז אויפן הינטערשטן טייל פון דער דעק. אַזוי ווי אָבער דידאָזיקע טייל פון דער שיף איז געווען די צום געדיכטסטן באַוווינטע, האָבן זיך די מענטשן אויף דער דעק איצט קוים געקאָנט באַוועגן, בעת פון איצט אָן האָבן די באַראָנען און זייערע פריינט גע־קאָנט גאַנץ אַליין באַנוצן די פּראָמענאַדן און זיי זיינען שוין נישט געווען אויסגע־שטעלט צו קיין קערפּערלעכער באַרירונג מיט זייערע אָרעמע מיטגעפאַנגענע. עס איז פאַר יעדן איינעם געווען קלאָר, אז אָט־דערדאָזיקער כיטרער הינטנאָרומיקער קלאַפּ איז דעם אדיוטאַנט אונטערגעזאָגט געוואָרן דורך די באַראָנען. די פאַרביטע־רונג קעגן אָט־דער פּריווילעגירטער קליקע, וועלכע האָט נישט געהאַט קיין אָפּ־האַלט אויף אזא נידערטרעכטיקן אופן צו טרעטן מיט זייערע פיס די מענטשלעכע רעכט פון זייערע מיטגעפאַנגענע, איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און ס׳איז געווען פאָרויסצוזען, אז פריער אָדער שפּעטער וועט עס מוזן קומען צו א צוזאַמענשטויס.

דעם 8טן יאַנואַר איז פאָרגעקומען א געשעעניש, וועלכע האָט אונדזער גאַנצע שיף אַרויסגעבראַכט פון די כלים. קורץ פאַר ווייַנאַכטן האָבן מיר באַקומען אַ נייעם מענטשנצופלוס. איניקע הונדערט מענטשן, פון וועלכע דער רוב איז פון זינט אָנהויב מילחמה געווען אינטערנירט אין גיבראַלטאַר, איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ענגלאַנד. א העלפט פון זיי איז געקומען צו אונדז און די אנדערע העלפט איז אָפּגעשיקט געוואָרן אויף דער „סאַקסאָניאַ״. די ניי־אָנגעקומענע זיינען באַשטאַנען פון מענטשן פון אַלערליי געזעלשאַפטלעכע קלאַסן און שיכטן, — פון אַריסטאָקראַטן ביז צום פּשוטן מאַטראָז. פונדעסטוועגן האָט צווישן זיי געהערשט א פיל שטאַרקער געפיל פון אחדות און אָנגעהעריקייט ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין „אָלימפּיאַ״ אָדער אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד״. דער רוב פון זיי איז געווען יונגע מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט אין אַרגענטינע, טשילע אָדער אין בראַזיל. ווען די מילחמה איז אויסגעבראָכן, זיינען זיי אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אָט־דער אַלגעמיינער שיכרות און יעדער פון זיי האָט געזוכט אויפן שנעלסטן אופן צו קומען קיין דייטשלאַנד. אָבער בלויז א קליינע צאָל האָט עס באַוויזן. כימעט אַלע זיינען זיי אַראָפּגענומען געוואָרן פון די ענגלענדער פון נייטראַלע שיפן און אָפּגעשיקט קיין גיבראַלטאַר. געווען צווישן די גיבראַלטאַרלייט א היפּשע צאָל מוטיקע אַוואַנטוריסטישע סוביעקטן, וועלכע זיי־נען ווייט נישט געווען אַזוי פּאַסיוו אין זייער געמיטשטימונג ווי די מענטשן, וועלכע

האָבן געלעבט אַ סך יאָרן אין ענגלאַנד מיט זייערע פאַמיליעס און זיי זיינען געווען געבונדן דורך פאַרשידענערליי אומשטענדן. דער רוב פון זיי איז קיינמאָל נישט געווען אין ענגלאַנד און דאָרט נישט געהאַט נישט קיין מישפחה און נישט קיין אַנדערע קרובים. זיי זיינען פון די ענגלענדער אין גיבראַלטאַר באַהאַנדלט געוואָרן גאַנץ גוט און מענטשלעך און טאַקע דערפאַר האָבן זיך פאַר זיי די אַזוי פיל אומזיניקע פאַרשריפטן אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד" אויסגעוויזן פיל שווערער נאָך ווי זיי זיינען געווען.

די גיבראַלטאַרלייט זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען פאַטריאָטיש ביז צו די ביינער. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ שוואַרץ־ווייס־רויטן צייכן אינעם לאַץ פונעם רעקל און פיינט געהאַט דעם ענגלענדער בתכלית השינאה, ווי אַ פּרינציפּ. פאַרשטייט זיך, אַז דער הוראַפּאַטריאָטיזם פון אָט־די לייט האָט מיר לגמרי נישט געקאָנט געפעלן ווערן, אָבער זייער דרייסטע האַלטונג און אַקטיווער ווידערשטאַנדס־געפיל איז מיר זיכער געווען סימפּאַטישער ווי די כימעט אומדערטרעגלעכע געדולד פון די אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן געלאָזט טאָן מיט זיך אַלץ און ווי ווילנלאָזע באַשעפענישן אויסגעהאַלטן יעדע דערנידערונג. מ׳האָט נישט געדאַרפט זיין קיין נביא, ביכדי פאָרויסצוזען די שווערסטע קאָמפּליקאַציעס. אויך דער אַדיוטאַנט האָט זינט דעם אָנקום פון די גיבראַלטאַרלייט ווי פאַרלוירן דעם קאָפּ און ער איז נישט געווען אימשטאַנד זיך צו אָריענטירן ווי געהעריק אין דער נייער לאַגע.

און דאָס, אויף וועלכן מיר אַלע האָבן געוואַרט מיט אַ פולשטענדיקער זיכערקייט, איז טאַקע באַלד געקומען. דער אַדיוטאַנט האָט געפילט אַ ממש קרענקלעכן ווידערווילן קעגן אַלע דייטשע פאַטריאָטישע לידער. דאָס ליד „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַללעס" איז פאַר אים געווען שווידערלעך און די „וואַכט אַם רהיין" איז געווען אימשטאַנד אים צו מאַכן משוגע־ווילד. דאָס איז געווען אַ גרויסער חידוש, מחמת אפילו אין „אָלימפּיאַ"־לאַגער האָט די מיליטערישע פאַרוואַלטונג קיינמאָל נישט געגומען קיין שום שטעלונג צום זינגען אַזעלכע לידער. ווען די גיבראַלטאַרלייט זיינען געוואויר געוואָרן, אַז אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד" איז דאָס זינגען פאַטריאָטישע לידער שטרענג פאַרווערט, איז דאָס, נאַטירלעך, געווען ווי וואַסער אויף זייערע מילן און אין איינעם אָן אָוונט האָבן זיי זיך אַלע צונויפגענומען אינעם גרויסן עס־זאַל און פלוצים, מיטן גאַנצן כוח פון זייערע לונגען, גענומען זינגען די „וואַכט אַם רהיין". דער ערשטער סטראָף פונעם פאַרווערטן ליד איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט, ווי דער צענזאָר האָט זיך, אײַנגאַנצן אַ בלאַסער, אַריינגעריסן אין זאַל, ביכדי אָפּצושטעלן דאָס זינגען און פאַרהיטן פון אומגליק. אָבער קיינער האָט זיך צו אים נישט צוגעהערט און ער האָט פאַרלאָזן דעם זאַל, ביכדי צו אַלאַרמירן דעם אַדיוטאַנט. ער האָט צונויפגענומען עטלעכע זעלנער און אינגאַנצן אַ רויטער פון צאָרן האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט פאַר די פאַרברעכער, וועלכע האָבן פונקט געהאַט אָנגעהויבן אַ נייעם סטראָף און געזונגען מיט אַזאַ התפעלות, אַז ס׳האָט אױש געמאַכט טרייסלען די שויבן. אומזיסט האָט דער אַדיוטאַנט געפּאַטשט מיט די הענט אין דער לופט און געוואָלט זיך לאָזן הערן. אָבער ער האָט נישט געקאָנט

קומען צום וואָרט. ס׳איז געווען אַזוי גלייך ווי די זינגענדיקע מענטשן האָבן געמוזט אויסלאָדן זייער אָנגעזאמלטע ליידנשאפט. פאר אינערלעכער אויפרעגונג האָט דער אדיוטאנט לכתחילה נישט געקאָנט געפינען קיין ווערטער. ער האָט זיכער געפילט, אז זיין ראָל אין דער גאנצער אַפערע דאָ איז די ראָל פון אַ קאָמישער פיגור און אָט־די דעמאָנסטראטיווע גרינגשעצונג פון זיין אויטאָריטעט איז פאר אים געווען א שווערער קלאפּ. און פונדעסטוועגן וואָלט ער זיך געוועזן געקאָנט איינשפּאָרן די גאנצע סצענע, ווען ער וואָלט געווען אַרויסגעוויזן אביסל מער טאקטגעפיל. זיינע דראָונגען נאָך דעם שוין געשעענעם פאַקט האָט די זאַך בלויז געמאַכט ערגער.

# געהיימע פאַרזאַמלונגען און ווייטערדיקע אַנטוויקלונג

זינט יענעם אומפאַרגעסלעכן ווינאַכט־אָוונט האָב איך מער נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו נעמען אַ בוך אין האַנט אַריין. אונדזער קאַבינע איז געווען צו קליין, אַזוי אַז כדי צו קאָנען אויסטאָן אָדער אָנטאָן זיך, האָבן מיר געמוזט וואַרטן איינער אויפן אַנדערן, ווייל דער פּלאַץ האָט דאָס דערלויבט צו טאָן בלויז איינציקווייז, לויט דער ריי. אַזאַ ענגן אָרט איז אפשר מעגלעך געווען אויסצוהאַלטן בעת אַ רייזע פון פינף אָדער זעקס טעג, אָבער ווי אַ באַשטענדיקער אויפהאַלט פאַר פיר פּערזאָן איז דאָס זיכער נישט געווען פּאַסיק. אָבער אויך אויפן דעק איז במשך פון גאַנצן טאָג נישט געווען צו געפינען קיין שום ווינקל, וווּ מ׳זאָל קאָנען זיין אומגעשטערט. אַזוי האָט מען פאַרברענגט די גאַנצע צייט מיט גאָרנישט טאָן און מ׳איז בלויז געווען אַ שטרויכלונג פאַר זיך אַליין. און דערביי האָט מען נאָך געמוזט מאַכן אַ גוטע מינע צום בייזן שפּיל, אויב מ׳האָט נישט געוואָלט רייצן די נערוון פון די מיטפאַרנדיקע חברים בצרה.

צום ליבסטן זיינען מיר נאָך געווען די עטלעכע אָוונט־שעהן אין דער רויכער־קאַבינע. דאָרט האָט זיך מיט דער צייט געשאַפן אַ פעסטער יאָדער, די אַזוי גערופע־נע שטאַמגעסט, וועלכע פלעגן קומען צו אַלע זיצונגען. צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען אייניקע מיטגלידער פון דער צווייטער סעקציע פון „קאָמוניסטישן אַרביי־טערבילדונגס־פאַריין״, וועלכע זיינען שפּעטער אַרעסטירט און אָפּגעשיקט געוואָרן אויף דער „ראַיאל עדוואַרד״. די שמועסן זיינען געווען פולשטענדיק פרייע און כמעט שטענדיק אָנרעגנדיקע און אינטערעסאַנטע.

איינער פון די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן דאָרט איז געווען פאַטער העק, אַ פעסטגעבויטער מענטש, פול מיט שפּרודלענדיקער קראַפט און געזונטן הומאָר. פאַטער העק איז נישט געווען קיין געלערנטער מענטש, אָבער ער האָט געהאַט אַ נאַטירלעכע אינטעליגענץ און אַ פיין אַנטוויקלטן געפיל פאַר גערעכטיקייט. אַלץ, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט, האָט תמיד געהאַט הענט און פיס און תמיד געטראָפן אין פּינטל. מיר זיינען באַלד געוואָרן באַפריינדט צווישן זיך און אַזוי אַרום בין איך געוויר געוואָרן זיין גאַנצע אומגליקלעכע געשיכטע. פאַטער העק איז קרוב דרייסיק יאָר געווען באַשעפטיקט אין האָטעל „מעטראָפּאָל״ אין לאָנדאָן און געפירט מיט זיין פרוי אַ באַשיידן און גליקלעך לעבן, וועלכעס איז צום באַדויערן אין די לעצטע יאָרן שטאַרק פאַרטונקלט געוואָרן דורך זיין פרויס שווערער קראַנקייט. ווען די

מילחמה איז אויסגעבראָכן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די העצע אין דער געלער פּרעסע האָט העק געמוזט פאַרלאָזן זיין אַלטע שטעלע. אייניקע וואָכן שפּעטער איז ער אַרעסטירט געוואָרן און מ׳האָט אים אָפּגעשיקט אין „אָלימפּיאַ״־לאַגער, בעת זיין פרוי איז אַ שווער קראַנקע געלעגן אין שפּיטאָל, ווו מ׳האָט איר געדאַרפט מאַכן אַ געפערלעכע אָפּעראַציע, וואָס האָט געשטעלט אין סכנה איר לעבן. מ׳האָט אָט־דעם אַלטן מענטשן אַפילו נישט געגעבן די געלעגנהייט זיך צו געזעגענען מיט איר און וואָכנלאַנג האָט ער נישט געוווּסט, צי זי לעבט נאָך איבערהויפּט, אָדער איז גע־שטאָרבן אונטערן אָפּעראַטאָרס מעסער. ערשט זעקס וואָכן שפּעטער איז ער געוויר געוואָרן, אַז זי איז טאַקע איבערגעקומען די אָפּעראַציע, אָבער אַ פולשטענדיקע געזונט איז פאַר איר לגמרי אויסגעשלאָסן. זיין אומצעשטערבארער הומאָר האָט אים טאַקע געהאָלפן נישט צו פאַרצווייפלען אין די שווערסטע שעהן פון זיין לעבן, אָבער ער האָט אויך געהאַט מאָמענטן, ווען זיין נשמה האָט געבלוטיקט און ס׳האָט אים פאַרקווּעטשט ביים האַרץ ביז צום דערשטיקט ווערן. איך האָב אין אַזעלכע מאָמענטן באַלד געקאָנט דערקענען, אַז עפּעס איז מיט אים נישט אין אָרדענונג. האָב איך אים אינדערשטיל געדריקט די האַנט, אים פעסט אַריינגעקוקט אין די אויגן און אַ זאָג־געטאָן צו אים: „דעם קאָפּ אינדערהויך, פאָטער העק! נישט פאַרצווייפלען! עס וועלן דאָך שוין ווען ס׳איז קומען בעסערע צייטן״. דעמאָלסט פלעגט דער אַלטער פעסט אָננעמען מיין האַנט און אין זיינע גרויע אויגן האָט עס אויפגעלייכט מיט דאַנקבאַרקייט. „איר זיינט גערעכט״, פלעגט ער ענטפערן. „כל־זמן איר זיינט צווישן אונדז, וועט זיכער קיינער נישט פאַרלירן דעם מוט״.

אַן אַנדערע אינטערעסאַנטע פיגור צווישן אונדז איז געווען דער האַמבורגער אויגוסט, אַ יונגער, 27־יאָריקער מענטש און אַן אמתער הערקולעס, פול מיט שפּראָ־צנדיקער געזונטקייט. אויגוסט איז תמיד געווען פריילעך און אויפגעלייגט; קיין שום זאַך האָט אים נישט געקאָנט אַרויסברענגען פונעם גלייכגעוויכט. זיין קלוגער קאָפּ און אָפנהאַרציקער כאַראַקטער האָבן ביי יעדן אַרויסגערופן סימפּאַטיע און אַלע זיינען געוואָרן זיינע פריינט. ער האָט געהאַט געלייענט אַ סך און פאַרשטאַנען דאָס, וואָס ער האָט געלייענט. אויגוסט איז געווען איינער פון די ערשטע דייטשע קריגס־געפאַנגענע אין ענגלאַנד און געפאַנגען איז ער געוואָרן ביי גאָר דראַמאַטישע באַגלייט־דערשיינונגען. קורץ פאַרן אויסברוך פון דער מילחמה איז ער אַרויסגע־פאָרן פון האַמבורג אויף אַ קליינעם פישערשיפל, צוזאַמען מיט אַ קליינער פישער־פלאָטיליע, וועלכע האָט געדאַרפט דורכפירן איר אַרבעט נישט שטאַרק ווייט פונעם שאָטלענדישן ברעג. די דאָזיקע מענטשן האָבן לגמרי גאָרנישט געוווּסט, אַז אין צווישנצייט איז אויסגעבראָכן די מילחמה. אינמיטן דער נאַכט, ווען אויגוסט איז געלעגן אין זיין קעמערל, האָבן פלוצים זיך געלאָזט הערן אייניקע שאָסן פון קאַנאָנען און די קוילן האָבן זיך פייפנדיק דורכגעריסן דורך די ווענטלעך פון די פישער־שיפלעך, ווו זיי האָבן אָנגעמאַכט אַ גרויסן חורבן. אַרומגעכאַפּט פון פּאַניק, זיינען זיי אַלע אַרויסגעלאָפן אויף דער דעק, ווו מ׳האָט אויף אַ גאָר קורצער שטרעקע געזען אייניקע ענגלישע קריגסשיפן. דער פירער פון דער פלאָטיליע האָט צוגערופן

די ענגלענדער און באקומען דעם באפעל, צו פארלאָזן מיט זיין מאנשאפט די שיפ־לעך. די דייטשע ים־מענטשן זיינען דערנאָך אָפּגעפירט געוואָרן אויף די ענגלישע קריגסשיפן, ווו זיי זיינען ערשט געוויר געוואָרן, אז ס'איז אויסגעבראָכן די מילחמה. מ'האָט זיי אפילו נישט געגעבן קיין צייט מיטצונעמען מיט זיך זייערע נייטיקסטע זאכן, בייערט מיט אָנגעשטעלטע רעוואָלווערס זיי אונטערגעטריבן. באלד נאָכדעם איז זייער גאנצע פלאָטיליע געזונקען געוואָרן. א סברה, אז די ענגלענדער האָבן נישט געגלייבט, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט פישער, נאָר געמיינט, אַז דאָס איז אַ פלאָטיליע פון דייטשע מינענלייגער.

פון צווישן די באַזוכער אין דער רייכערער־קאַבינע איז מ'ר באַלד אין די ערשטע טעג אויפגעפאלן א יונגער ים־מענטש, וועמעס דרייסטער און ענערגישער אויסדרוק פונעם פּנים האָט גערופן מיין אויפמערקזאמקייט. דאָס איז געווען א יונגער מענטש פון מיטעלן וווקס און קרעפטיק־געזעצטן קערפּער, געשיקט און פלינק ווי אַ קאַץ. אין זיינע אויגן איז געלעגן עפּעס ווייט־פאַרחלומטס, וואָס איז כאַראַקטע־ריסטיש פאַר אַ סך ים־מענטשן, און אַ שפּיציק בערדל האָט געמאַכט זיין פּנים נאָך אָנציעענדיקער. זיינע קאָלעגן האָבן אים גערופן קאָנראד און ס'האָט אויסגעזען, אז זיי אַלע האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט. איך האָב באלד געזוכט זיין באקאנטשאפט און האָב טאַקע אינגיכן איינגעזען, אַז ער איז אַ פּרעכטיקער מענטש. קאָנראַד איז געווען אַן אויפגעלייגטער מענטש און דאָס אַרומטראָגן זיך מיט אומעט איז נישט געווען זיין עינין. פונדעסטוועגן האָט ער אויך געהאַט א חוש און א פאַרשטענדעניש פאַר די ערנסטע זייטן פונעם לעבן און זיין אויסגעצייכנטע מיינונג האָט מיך גאַנץ איבער־ראַשט. קאָנראד איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון א פּראָפעסיאָנעלן פאַריין און אַ בפירושער אָנהענגער פון סאָציאַליסטישע אידעען, וועלכע ער האָט ביז איצט געקענט בלויז אין א סאָציאַלדעמאָקראַטישן לבוש. אָבער זיין נאַטירלעכע בונטאַ־רישע נאַטור האָט אים אויך געמאַכט עמפינדלעך פאַר אנדערע אינטערפּרעטאַציעס און ווען איך האָב פאַר אים אין אונדזערע שמועסן אנטוויקלט די אידעענוועלט פונעם אנארכיזם, האָט דאָס אויף אים געווירקט ווי א נייע אנטפּלעקונג. קאָנראַד האָט געהאַט געלייענט אַ סך און אויך גוט באַנומען דאָס געלייענטע, אָבער די בעסטע אייגנ־שאַפט זיינע איז געווען זיין אָפענע און לעבעדיקע פּערזענלכקייט און די אומצעטרייסל־באַרקייט פון זיין כאַראַקטער. דאָס איז געווען אַ פּערזאָן פון איין שטיק, וועלכער האָט אין זיך נישט געהאַט גאַרנישט קיין געקינצלטס, אַן אויסגעצייכנטער יאַט, וואָס ס'איז קיין סך אַזעלכע צווישן אונדז, צום באַדויערן, ניט געווען. די געפאַנגענשאַפט האָט זיך שווער געלייגט אויף אים, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט. גאַנץ אָפט האָב איך אים באטראַכט, ווען ער איז געשטאַנען ביי דעם פאַרענטש פון דער שיף און מיט לעכצנדיקע אויגן געקוקט צו אַ ווייט פאַרבייפאָרנדיקער שיף, ביז דאָס לעצטע רויכוואָלקנדל איז פאַרשוווּנדן. איך האָב געקאָנט פילן בחוש, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק ביי אים.

די ים־מענטשן זיינען בכלל געווען אַן אייגנטימלעכער שטאַם. כימעט אַלע האָבן זיך באַנוצט מיט דער קליינער ביבליאָטעק, וועלכע עפּעס אַ פילאַנטראָפּישע געזעל־

שאַפט האָט אונדז צוגעשיקט. אַ סך פון זיי האָבן געהאַט געלייענט אַ מ׳קאָן זאָגן איבעראַשנדיק־גרויסע צאָל ביכער. גוטע ביכער, שלעכטע ביכער און אַ סך שונד. אַן עלטערער מאַטראָז, אַ געוויסער רעם, האָט איינמאָל געפּרוווט מיר איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פון אַ בוך, וועלכן ער האָט קורץ פאַר דעם געהאַט געלייענט. פון זיין שווערלעכער שילדערונג האָב איך דערקאָנט, אַז עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן „דעם יונגן ווערטערס ליידן״. אַז דאָס בוך איז געווען פון געטעס פען, וועגן דעם האָט ער נישט געוווּסט, מחמת די מחברים, האָט ער געזאָגט, אינטערעסירן אים לחלוטין נישט.

— און ווי איז אייך דאָס בוך געפעלן? — האָט איך אים געפרעגט מיט אַ גע־וויסער שפּאַנונג.

— אינגאַנצן נישט, — האָט ער אַ זאָג־געטון קיל. — איך האָב עס אפילו צוויי מאָל אַוועקגעלייגט, אָבער אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט עפּעס אַנדערש ביי דער האַנט, האָב איך עס דאָך איבערגעלייענט ביז צום סוף.

— און וואָס אַזוינס איז אייך אין אָט־דעם בוך נישט געפעלן געוואָרן? — האָב איך אים געפרעגט.

נו, דאָ האָט ער אָנגעהויבן ברויזנדיק און גרימצאָרנדיק צו געוואָלדעווען קעגן דעם „דעמליכען קערל״, וועלכער האָט זיך צוליב אַ „נאַרישער פּרויענצימער״ גע־נומען דאָס לעבן. לויט זיין מיינונג האָט זיך לאָטע בלויז געשפּילט מיט ווערטערן, ביכדי צו באַפרידיקן איר פוסטע גאווה, ווייל ווען זי וואָלט אים אינדעראמתן געווען ליב געהאַט, וואָלט זי גאַנץ פשוט געווען אַנטלאָפן מיט אים. דאָס איז יעדנפאַלס געווען אַ לייזונג פאַרן קאָמפּליצירטן נשמה־פּראָבלעם, וועגן וועלכער געטע האָט מיסתמא לגמרי נישט געחלומט, אָבער פונדעסטוועגן וואָלט זי אים געווען אינ־טערעסירט.

דערזעלביקער מאַטראָז איז ביכלל געווען אַ זייער לעבעדיקער מענטש, וועלכער האָט זיך געשאַפן אַן אייגענע מיינונג וועגן אַלץ, וואָס ער האָט געלייענט. ווען איך האָב אים איינמאָל געטראָפן לייענען איינעם פון די לאַנגע ראָמאַנען פונעם אַלטן דומאַס, האָב איך אים שפּאָטיש אַ פרעג־געטאָן:

— נו, אָט־דאָס בוך געפעלט אייך מיסתמא בעסער ווי דער יונגער ווערטער?

— לכל הדעות, — האָט ער געענטפערט אויף זיין רואיקן שטייגער. — עס אַנטהאַלט אַ שלל זעלטענע און שפּאַנענדיקע פּאַסירונגען און מען לאַנגווייליקט זיך נישט דערביי.

— אָבער צי באַגרייפט איר דען נישט, — האָב איך צו אים געזאָגט, — אַז אָט־די אַלע משוגענערוייז אַנגעוואָרפענע זאַכן האָבן נישט קיין שום שייכות מיטן אייגנטלעכן לעבן?

— אוודאי, — האָט ער געזאָגט, נישט פאַרלירנדיק זיין רואיקייט. — אָבער דאָס איז עס דאָך טאַקע דאָס שיינע דערביי. די אַלע דערציילונגען, וועלכע מ׳נעמט מכלומרשט פונעם לעבן, זיינען בדרך־כלל לאַנגווייליק. צו וואָס טויג מיר דער צוואָרעך? דאָס, וואָס פּאַסירט אין לעבן, זע איך יעדן טאָג מיט מיינע אייגענע אויגן.

ס'איז דאָך תמיד דיזעלביקע פּאַטשקעריי. דאָס לייענען ביכער איז דאָך סוף־כל־סוף נישט קיין פּראָפעסיע, לפּחות נישט פאַר אונדז. אַזעלכע ווי איך לייענט צוליב צייטפאַרטרייב אין די פרייע שעהן. אין אַזאַ פאַל האָט מען הנאה פונעם לייענען, בתנאי, אויב מ'באַקומט אין די הענט אַריין אַ בוך, וועלכעס ציט נישט ווייטער דעם אַלטן פאָדעם, וועלכן מיר שפּינען אין לעבן. איך ווייס, אַז דאָס אַלעס איז נישט אמת, אָבער ס'איז דאָך אַ ווונדערבאַרע ענדערונג, וועלכע פירט אונדז אַרויף אויף אַנדערע געדאַנקען.

צווישן די טאָג־טעגלעכע געסט אין דער רייכערער־קאַבינע איז אויך געווען אַ יונגער, בערך 26־יעריקער ים־מענטש, אַ געבוירענער אין האָלשטיין און אַ ווער־טיקער אָפּשטאַם פון יענער האַרטנעקיקער אומצעשטערבאַרער ראַסע, אין וועלכער ס'דרימלט אַזוי פיל פאַרהוילענע בענקעניש און אומעטיקע גריבלעניש. ער איז געקומען מיט אַ זעגלשיף פון טשילע און איז געווען אין אָפענעם ים, ווען די מילחמה האָט זיך אָנגעהויבן. נאָענט פון דאָווער איז זיין שיפל פאַרהאַלטן געוואָרן פון אַן ענגלישן קרייצער און ער איז געצוווּנגען געוואָרן צו לאַנדן. אַנשטאָט אַנצוקומען אַהיים, האָט די גאַנצע מאַנשאַפט אַנגעשפּאַרט אין אַן אינטערנירונגס־לאַגער.

פּעטער — אַזוי האָט געהייסן אונדזער יונגער פריינט — איז געווען אַ שטילער אין זיך פאַרשלאָסענער מענטש, אַ שווייגנדיקער און אַביסל אַ פאַרחלומטער. ער האָט זיך צוגעהערט צו די שמועסן אין דער רייכערער־קאַבינע מיט גרויס אויפ־מערקזאַמקייט, אָבער זעלטן־ווען אָנטיילגענומען אין זיי און איז בלויז געווען נאָר אַ שטילער צוהערער. ער האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק מיט זיינע פלאַקס־געלע האָר און די גרויסע, בלויע אויגן, פון וועלכע ס'האָט אַרויסגעדרונגען אַ מאָדנער גלאַנץ. פּעטער האָט אַ סך געלייענט און מ'האָט אים זעלטן געזען אָן אַ בוך אין דער האַנט. אין איינעם אַ טאָג האָב איך אים געזען אין עסצימער פאַרטיפט איבער אַ בוך, וועלכעס האָט אים, קענטיק, געהאַלטן שטאַרק געשפּאַנט. צו מיין גרעסטער איבערראַשונג האָב איך געזען, אַז דאָס איז געווען דער „גרינער היינריך", וועלכעס ער האָט געהאַלטן אין לייענען. ווען איך האָב אים שפּעטער געפרעגט, ווי ס'איז אים געפעלן געוואָרן גאָטפריד קעללערס פּרעכטיקע ווערק, בין איך צו מיין גרויסער דערשטוינונג געוויר געוואָרן, אַז ער האָט עס שוין איניקע מאָל געלייענט און ביי יעדן מאָל האָט ער אַלץ הנאה דערפון.

— אין וואָס־זשע, אייגנטלעך, באַשטייט פאַר אייך די דאָזיקע מערקווירדיקע אָנציִונגס־קראַפט פון אָט־דעם באמת איינציקן ווערק? — האָב איך אים געפרעגט.

ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט און צעגערנדיק געענטפערט:

— ס'איז אַביסל שווער דאָס אַרויסצוברענגען. איך מיין, אַז דאָס בוך איז מיר אַזוי ליב, ווײַל עס בליאַסקעט אַזוי.

— ווײַל ער בליאַסקעט אַזוי? — האָב איך איבערגעפרעגט אַ דערשטוינטער.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט. — קאָן זיין, אַז איך דריק זיך אויס אומגעשיקט און איר פאַרשטייט מיך נישט, אָבער איך בין זיכער, אַז עפּעס האָט עס אַ שייכות מיטן בליאַסקען.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, גלײַך ווי ער וואָלט זיך געגריבלט וועגן עפּעס, נאָכ־דעם האָט ער ווײַטער געצויגן זײַנע געדאַנקען הויך אויפן קול און געזאָגט:

— ווען איך שטיי אויף דער וואַך אין וואָרעמלעכע ווינטלאָזע זומער־נעכט, נעמט מיך אַרום אַזאַ מין ענלעך געפיל. דער הימל איז דעמאָלט אַזוי טיף און די שטערן אַזוי גלאַנצנדיק און לויטער און דער ים שפּיגלט־אָפּ אַט־די גאַנצע פּרעכטי־קייט און ס׳ווײַזט זיך אָפּט אויס ווי מ׳וואָלט געשוועבט אינעם רוים. אַלעס ווײַזט זיך אויס אַזוי ווײַט און דאָך אַזוי מאָדנע נאָענט. און דעמאָלט הייבט זיך אָן אַט־דאָס בליאַסקען; דער הימל, די שטערן, דער ים — אַלעס בליאַסקעט. איך מיין אפילו, אַז דעמאָלט בליאַסקעט עס אפילו אין מיר אַליין. ס׳איז ווי אַ חלום. דאָס נעמלעכע געפיל האָב איך, ווען איך לייען דעם „גרינעם היינריך”. אפשר פאַר־שטייט איר מיך איצט.

ער האָט געשוויגן און אויך איך האָב נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. ס׳איז מיר געוואָרן גאַנץ מאָדנע אויפן געמיט, ווען איך האָב אַט־דעם וואָרטקאַרגן, פאַר־חלומטן מענטשן אַזוי געהערט רעדן. וואָס פאַראַ טיפע נשמה האָט זיך דאָ אַנט־פּלעקט; וואָס פאַראַ פײַנקייט פון זעלישער עמפּינדלעכקייט. יעדער קינסטלער וואָלט געמעגט מקנא זײַן אַט־דעם פּשוטן מאַטראָז צוליב יענעם וווּנדערבאַרן עפּעס, וואָס האָט געלעבט אין זײַן נשמה און זיך אַנטפּלעקט אין יענעם שטילן בליאַסק.

געווען נאָך אַנדערע אינטערעסאַנטע געשטאַלטן אין יענעם קליינעם קרײַז, וועלכער פלעגט זיך יעדן אָוונט צוזאַמענקומען. דער קליינער פלאַץ איז תמיד גע־ווען געדיכט באַזעצט און די צאָל פון יענע, וועלכע האָבן אינעווייניק נישט געקאָנט אַרײַן און געשטאַנען אינדרויסן, אין קאָרידאָר, פאַר דער אָפענער טיר, פון וואַנען זיי האָבן זיך צוגעהערט צו די שמועסן, איז כסדר געוואָרן גרעסער. ס׳איז דעריבער געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז מ׳האָט אין אונדזער ענגן קרײַז אַלץ אָפטער אַרויסגע־רעדט דעם געדאַנק צו אַראַנזשירן אַ גרעסערן פלאַץ. די פראַגע איז בלויז געווען, ווי אַזוי דאָס קאָן געטאָן ווערן. ס׳איז געווען כּימעט זיכער, אַז דער אַדיוטאַנט וועט נישט דערלויבן קיין פאַרזאַמלונגען. מוזן בכן די פאַרזאַמלונגען דורכגעפירט ווערן בסוד, הינטערן רוקן פון דער ענגלישער מיליטערישער אויטאָריטעט. אַזוי ווי אָבער מיר האָבן זיך געקאָנט ריכטן אויף אַ באַזוך פון בערך הונדערט מענטשן, איז געווען שווער אָנצונעמען, אַז אונדזער סוד זאָל קאָנען לאַנג אויפגעהיט ווערן. דערצו איז נאָך צוגעקומען די שוועריקייט צו געפינען אַ פּאַסיקן פלאַץ. אָבער דאָ האָבן אונדזערע מאַטראָזן פאַרשטאַנען, ווי אַזוי זיך אַן עצה צו געבן. חוץ די צוויי גרויסע שלאָפזאַלן איז אויף דער שיף געווען נאָך איינע אַ קלענערע קאַמער מיט פּערציק בעטן, וווּ ס׳האָבן געוווינט אַ סך פון די רעגלמעסיקע באַזוכער פון דער רייכער־קאַבינע. דער רוב איז דעריבער געווען מיט דער מיינונג, אַז אַט־די קאַמער איז אַזוי ווי ספּעציעל געשאַפן געוואָרן פאַר אונדזער צוועק. דער איינציקער חסרון איז געווען, וואָס נישט ווײַט פון דער טיר איז אַוועקגעשטעלט אַן ענגלישער וואַכ־מאַן, וועלכער וועט באַקומען אַ חשד, ווען ער וועט דאָרט באַמערקן אַזוי פיל מענטשן.

פונדעסטוועגן האָט מען גערעכנט, אַז ס'וועט זיין לייכט בייצוקומען אָט־די שווע־ריקייט.

איך האָב זיך גרינטלעך געישובט וועגן דעם עיניך, וואָרן איך האָב געוווּסט, אַז די זאַך איז נישט אַזוי איינפאַך און נישט אָן סכנות. איך האָב, אגב, וויניקער געטראַכט וועגן די פאָלגן, וואָס דער עיניך קאָן האָבן פאַר מיר פערזענלעך. די עטלעכע וואָכן איינצלאַרעסט, מיט וועלכע איך האָב געקאָנט באַשטראָפט ווערן אין פאַל פון אַן איבעררעשונג, האָבן מיך נישט געקאָנט אָפּשרעקן. אָבער אין אַ געוויסן זין בין איך געווען מאָראַליש פאַראַנטוואָרטלעך אויך פאַר די אַנדערע. דער רוב פון יענע, אויף וועלכע מ'האָט זיך געקאָנט ריכטן ווי באַזוכער, זיינען געווען מענטשן, וועלכע האָבן ביי זיך נאָך נישט געהאַט אויסגעאַרבעט קיין שום באַשטימטן קוק אויפן לעבן. ווען דער אַדיוטאַנט זאָל זיך דערוויסן וועגן אַזאַ מין צונויפקום, קאָן אים איינפאַלן צו וועלן איינפירן אַ מוסטער־ביישפּיל פאַרן רעשט און אונדז אַלעמען באַשטראָפן. און אין דעם פאַל וואָלט געקאָנט פּאַסירן, אַז נישט איינער פון די באַשטראָפטע, וועלכער איז געקומען צום צונויפטרעף בלויז צוליב נייגעריקייט, זאָל זיך פילן שווער געטראָפן פון דער שטראָף, און נישט נאָר ער אַליין, נייערט אויך זיינע קרובים אינדרויסן, וועמען מ'וועט אפשר פאַר אַ משך פון וואָכן אָפּשטעלן די קאָרעספּאָנדענץ.

פון דער אַנדערער זייט אָבער האָב איך זיך געטראַכט, אַז רעגולמעסיקע רעפע־ראַטן זיינען אַן אויסגעצייכנט מיטל צו באַקענען מיינע חברים בצרה מיט נייע גע־דאַנקען. און חוץ דעם זיינען דאָך אַזעלכע לעקציעס אַן אָפּפרישנדיקע ענדערונג אין דער גרויער מאָנאָטאָנקייט פון אונדזער געפאַנגענשאַפט. האָב איך, בכן, באַשלאָסן איינצושטעלן, צו מאַכן דעם פּרווו און אין פאַל פון אַן איבעררעשונג — צו נעמען די גאַנצע אחריות אויף זיך.

מיינע נייע פריינט זיינען געווען שטאַרק דערפרייט, ווען איך האָב זיי געלאָזט וויסן וועגן מיין באַשלוס, און מיר האָבן אַלע געוואַרט מיט שפּאַנונג אויף דעם, וואָס וועט ווייטער קומען. צוליב פאָרזיכטיקייט האָב איך באַשלאָסן אויסצוקלייבן פאַר מיין ערשטן רעפעראַט אַ ריין־ליטעראַרישע טעמע. אַ סך פון מיינע מיטגע־פאַנגענע זיינען דעם גאַנצן טאָג פאַרנומען מיט לייענען; זיי לייענען אָבער אָן אַ סדר, אָן אַן אָפּקלייב, אַלץ, וואָס קומט זיי צופעליק אונטער דער האַנט. האָב איך איצט געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו דערוועקן ביי מיינע צוהערער אַ זין און אַ פאַר־שטענדעניש פאַר אַ גוטן לייענשטאָף און איינצייטיק זיי אויך קאָנען פּאַמעלעך צוגרייטן פאַרן אויפנעם פון נייע אידעען אויף אַנדערע געביטן.

לסוף איז געקומען דער אָוונט, אין וועלכן ס'האָט געזאָלט פאָרקומען אונדזער ערשטער צונויפטרעף. אַכציק פּערזאָן זיינען געווען אַנוועזנדיק. דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויסער דערפאָלג, ווען מ'האָט אין זין, אַז די פאַרבעטונגען זיינען גע־מאַכט געוואָרן מיט דער גרעסטער סוד־סודותדיקייט. אונדזערע פריינט האָבן אָנ־געווענדט די גאַנצע חריפות זייערע, ביכדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַלעמען. איין טייל פון די בעטן האָט מען צונויפגעלייגט, כדי צו געווינען מער פּלאַץ און צו פאַר־

זאָרגן די געסט מיט פרימיטיווע פלעצער צום זיצן. ווען איך בין אַריינגעקומען אין זאַל, זיינען שוין אַלע ערטער געווען געדיכט באַזעצט און ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ מאָדנעם און פרעמדלעכן איינדרוק. די צווי קליינע ליכט האָבן פאַרשפּרייט אַ קנאַפּן שיין און זיי זיינען קוים געווען אימשטאַנד צו באַלייכטן די געדיכטע פינצ־טערניש. דער קליינער זאַל איז געווען איינגעהילט אין אַ געשפּענסטערהאַפטיקן בין־השמשות, פון וועלכן ס'האָט זיך בלויז דאָ און דאָרט אַרויסגעזען אַ בלאַס פּנים, אויף וועלכן ס'איז פונקט געפאַלן אַ שיין.

איך האָב אויסגעקליבן די טעמע „זעקס כאַראַקטערן אין דער וועלט־ליטע־ראַטור"*) און געפּרוווט מיינע צוהערער אַריינפירן אין אַן אידען־וועלט, וועלכע איז פאַרן רוב פון זיי געווען לגמרי אומבאַקאַנט. איך האָב גוט געוווסט, אַז די באַהאַנדלונג פון אַזאַ טעמע פאַר אַזאַ אַזוי שטאַרק פאַרשידנדיקן אוידיטאָריום איז אין אַ געוויסן זין אַן איינשטעלעניש; אָבער דער פּרווו האָט מיך געלאָקט און איך האָב באַשלאָסן צו געבן דעם רעפעראַט אַזאַ פאָרעם, אַז אויך יענע, וועלכע וועלן אפשר נישט זיין אימשטאַנד צו קאָנען פאַרשטיין מיינע אויספירונגען אין אַלע פּרטים, זאָלן, ווען אפילו אינטואיטיוו, דערפילן און באַנעמען די אינערלעכע שייכות און די וועזנטלעכקייט פון יעדער איינצלנער געשטאַלט.

די גאַנצע אייגנאַרטיקע אַטמאָספערע, דער פרעמדלעכער זאַל און די מרה־שחורהדיקע האַלב־טונקלקייט האָבן אויף מיר געמאַכט אַ מאָדנע ווירקונג און מיר געגעבן די שטימונג, וואָס איז נויטיק פאַר אַזאַ מין רעפעראַט. איך האָב גערעדט אַנדערהאַלבן שעה. מיינע צוהערער האָבן מיט כימעט אָטעמלאָזער שפּאַנונג זיך צוגעהערט צו מיינע רייד און זיינען געזעסן ווי צוגעשמידט צו זייערע פלעצער. ס'איז געווען אַזוי שטיל, אַז מ'האָט נישט געהערט אפילו דעם מינדסטן גערויש. דער קלאַנג פון מיינע לעצטע ווערטער איז שוין פון לאַנג געהאַט פאַרהילכט, אָבער אויף די פּנימער פון די פאַרזאַמלטע האָט מען נאָך געקאָנט אַראָפּלייענען דיזעלביקע פאַרחלומטע שטימונג, וואָס האָט די גאַנצע צייט אַרומגעכאַפּט זייערע אַלע חושים. ביסלעכווייז ערשט זיינען זיי ווידער געקומען צו זיך, זיך ווידער דער־מאָנט אין דער גרויער ווירקלעכקייט און שווייגנדיק האָבן זיי פאַרלאָזן דעם טונקעלן זאַל.

אונדזער ערשטער צונויפקום איז, הייסט עס, פאַרביי אָן צווישנפאַלן און איך האָב געפילט, אַז מיר האָבן מער דערגרייכט, ווי איך האָב געקאָנט האָפן. אין אייניקע מינוט אַרום האָט דער זאַל פון די פערציק בעטן ווידער באַקומען זיין געוויינלעכן אויסזען און קיינעם פון די, וואָס זיינען דאָ נישט געווען, האָט אפילו נישט געקאָנט איינפאַלן, אַז מיט אַ ווײַלע פריער האָבן אַכציק געפאַנגענע מענער זיך מיט אַזאַ התלהבותדיקער פאַרטיפטקייט געשפּאַנט צוגעהערט צו די ווערטער פון איינעם פון זייערע ליידנס־חברים.

אינדערמיט פעברואַר בין איך פּלוצים גערופן געוואָרן פונעם צענזאָר. ער האָט

---

*) איינס פון ראָקערס ווערק, וועלכעס איז, אגב, אויך פאַראַן אין יידיש, טראָגט טאַקע אָט־דעם נאָמען.

דער איבערזעצער.

מיך אויפגענומען העפלעך און פון צווישן זיינע פאַפּירן אַרויסגעגראַבלט אַ בריוו, וועלכן ער האָט מיר געגעבן צו לייענען. דאָס איז געווען אַ בריוו, וועלכן איך האָב מיט אַ חודש צוריק אָפּגעשיקט צו מיין פאַמיליע און וועלכן מ׳האָט, ווי איך האָב זיך איצט איבערצייגט, נישט אַוועקגעשיקט. און אַזוי ווי איך האָב געוווסט, מיט וואָס פאַראַ לעכצעניש מיין פאַמיליע וואַרט אויף ידיעות פון מיר, האָב איך געפילט גלייך ווי די גאַל וואָלט אין מיר געפּלאַצט פאַר פאַרדרוס.

— אָבער איך באַגרייף נישט, וואָס איר קאָנט האָבן אויסצוזעצן אין אָט־דעם בריוו, — האָב איך זיך אָנגערופן צו אים.

דער צענזאָר האָט באַדויערט מיין שלעכט מזל און געזאָגט:

— איך פּערזענלעך בין נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם. דער בריוו איז אונדז צוריקגעשיקט געוואָרן פון דער הויפּט־צענזור אין סאַליסבורי־האַוס.

— אָבער צוליב וועלכע טעמים? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— ווי עס ווייזט־אויס, האָט אַ געוויסע שטעלע אין אייער בריוו ביים צענזאָר אין לאָנדאָן אַרויסגערופן אויפמערקזאַמקייט און איינווענדונג, — האָט ער מיר דערקלערט. — איר שרייבט, אַז אין דער קאַנטינע פון דער שיף קאָן מען נישט קויפן קיין שום אַנדערע זאַך חוץ צוויי סאָרטן טאַבאַק און ציגאַרעטלעך.

— אָבער דאָס איז דאָך דער ריינער אמת, — האָב איך געזאָגט פאַרוווּנדערט.

— איך פרעג דאָך דאָס נישט אָפּ, — האָט ער פריינטלעך געזאָגט, — אָבער אייערע ווערטער קאָנען זייער לייכט פאַלש פאַרשטאַנען און אויסגעטייטשט ווערן און ביי אייערע קרובים אפשר אַרויסרופן דעם איינדרוק, אַז מיר באַהאַנדלען שלעכט אונדזערע געפאַנגענע.

— און צי מיינט איר באמת, אַז אונדזער סיטואַציע איז אַזאַ גלענצנדיקע? — האָב איך אים אַ פרעג־געטאָן מיט לייכטן שפּאָט אין מיין טאָן.

איז ער מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט און געזאָגט:

— איך וויל דידאַזיקע פראַגע דאָ מיט אייך נישט דיסקוטירן. געפאַנגענשאַפט איז דאָך קיינמאָל נישט גוט. איר ווייסט דאָך, אַז איך פּערזענלעך קאָן גאָרנישט ענדערן אין אָט־דעם צושטאַנד. איך בין אָבער יאָ אימשטאַנד אייך צו פאַרשאַפן געוויסע פאַרלייכטערונגען. דאָס איז טאַקע די סיבה, פאַרוואָס איך האָב אייך געלאָזט רופן. שטעלט מיר צו אַ רשימה, זייט אַזוי גוט, פון לעבנסמיטלען און אַנדערע זאַכן, אויף וועלכע ס׳איז פאַראַן אַ נאָכפרעג מצד אַלעמען, און איך וועל שוין זאָרגן דערפאַר, אַז זיי זאָלן זיין צו באַקומען אין אונדזער קאַנטינע.

איך האָב אים צוגעזאָגט צונויפצושטעלן אַזאַ ליסטע און שוין געוואָלט אַוועקגיין, ווען ס׳איז מיר ווידער אויפגעקומען אויפן געדאַנק מיין בריוו.

— און וואָס וועט זיין מיט אָט־דעם בריוו? — האָב איך אים געפרעגט. — מיינע קרובים האָבן דאָך שוין וואָכן־לאַנג נישט קיין ידיעה פון מיר און זיינען מיסתמא פאַרזאָרגט צוליב מיין אַזוי לאַנגן שווייגן.

— איר זענט גערעכט, — האָט ער געזאָגט. — שרייבט אָן אַן אַנדערן בריוו און איך וועל אים תיכף אָפּשיקן.

איך האָב אים געדאַנקט און זיך דערווייטערט. דער גאַנצער עינין איז פאַר מיר געווען אומבאַגרייפלעך. איך האָב אין מיין בריוו אָנגעשריבן איניקע גאָרנישט־זאָגנדיקע ווערטער וועגן דער קאַנטינע, ביכדי מילין צו געבן אַ ווונק. אין די לעצטע וואָכן איז דאָס עסן, וואָס מ׳האָט אונדז געגעבן, געווען אומגלויבלעך שלעכט, אַזוי אַז נאָר דער שווערער הונגער האָט געקאָנט באַוועגן די מענטשן מיט ווידערווילן צו פאַרצערן די עקלדיקע מאכלים. דאָס פלייש האָט פשוט געשטונקען און נאָר אין זעלטענע פאַלן האָט מען געקאָנט דערפון טועם זיין. איך אַליין האָב זיך שוין וואָכן־לאַנג נישט צוגערירט צו קיין פלייש. בעבלעך און אַרבעס זיינען געוואָרן אַלץ זעל־טענער, אָבער דערפאַר האָט מען אונדז טאָג־טעגלעך אונטערגעטראָגן ווייסע ריבן, וועלכע מ׳האָט קיינמאָל נישט אָרומגעוואַשן, אַזוי אַז דער שמוץ און די ערד האָבן געקריצט צווישן די ציין. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב וועגן דעם אַלעם אין מיין בריוו נישט דערמאָנט אפילו קיין וואָרט. אַזוי ווי מילי איז געווען סעקרעטאַרשע פונעם קאָמיטעט פאַר דער אונטערשטיצונג פון געפאַנגענע דייטשע חברים, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן אין איסט־ענד, האָב איך איר דורך דער קורצער באַמערקונג וועגן דער קאַנטינע געוואָלט געבן אָנצוהערן, אַז חברים זאָלן נישט שיקן קיין געלט, נאָר לעבנסמיטלען, אין וועלכע זיי נויטיקן זיך צום שטאַרקסטן. אָבער דער צענזאָר האָט מיר געמאַכט אַ שטריך אינעם חשבון, ביכדי ס׳זאָל אינדרויסן אפילו נישט אויפקומען קיין חשד, אַז אונדזער באַשפייזונג איז נישט ווי ס׳דאַרף צו זיין.

נאָכמיטיק האָב איך אָוועקגעטראָגן צום צענזאָר די צוגעזאָגטע רשימה און מיין נייעם בריוו. ער האָט אויף גיך איבערגעקוקט די פאָר שורות, וואָס איך האָב אָנגע־שריבן צו מילין, אָבער איך האָב באַלד געקאָנט דערקענען אין אים, אַז ווידער איז עפּעס נישט אין אָרדענונג. לסוף האָט ער שטרענג אַ זאָג־געטאָן:

— איך קאָן אַט־דעם בריוו נישט אָפּשיקן.

איך האָב זיך ביים אָנשרייבן מיין בריוו באַמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן נישט אַרויסצורופן קיין נייע איינווענדונג און איך האָב אים דעריבער געפרעגט דער־שטוינט, וואָס ער האָט דאָ איינצווווענדן.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ פאָר איבערראַשטע אויגן און מיט אַ שאַרפן טאָן געענטפערט:

— צי דערוואַרט איר פון מיר, אַז איך זאָל אייך צוהעלפן אין אייערע פאַנגער־מאַניסטישע אידעען?

איך האָב זיך געפילט, גלייך ווי איך וואָלט מיטאַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון די וואָלקנס און האָב זיך געמוזט צעלאַכן הויך אויפן קול.

— פאַרוואָס לאַכט איר? — האָט ער שטרענג אַ פרעג־געטאָן.

— זייט מיר מוחל מיין נישט־ווילנדיקע פריילעכקייט, — האָב איך געזאָגט, — אָבער די זאַך איז פאַר מיר צו קאָמיש. איר שרייבט מיר צו פאַנגערמאַנישע אידעען, מיר, וואָס איך האָב צוליב מיינע אַנאַציאָנאַלע אַנטימיליטאַריסטישע אידעען געמוזט פאַרלאָזן מיין היימלאַנד און שוין אַרום צוואַנציק יאָר ווי איך לעב אין אַט־דעם לאַנד ווי אַ פּאָליטישער פליכטלינג!

ער האָט מיך באַטראַכט גלייך ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען, וואָס איך רעד צו אים און ער האָט, קענטיק, נישט געוווסט, וואָס מיר צו ענטפערן. האָט ער לסוף אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אַ באַשטימטער שטעלע פון מיין בריוו און אַ זאָג־געטאָן:

— אויב אַזוי, ווי אַזוי־זשע וועט איר מיר דערקלערן די לעצטע שטעלן פון אייער בריוו?

איך האָב געלייענט הויך אויפן קול אָט־די שטעלע: „און גריס מיר אַלע חברים. זאָג זיי, אַז מיין האַרץ איז מיט זיי און ביי אונדזער גרויסן אידעאַל פאַר דער אויסקעמפונג פון אַ העכערער סאָציאַלער קולטור און דער פאַרברידערונג פון אַלע פעלקער, נישט געקוקט אויף דעם אַלעם".

— און אין אָט־די ווערטער זעט איר פאַנגערמאַנישע אידעען? — האָב איך אים געפרעגט דערשטוינט. — האָט איר שוין אַמאָל געהערט אַ פאַנגערמאַניסט רעדן וועגן דער פאַרברידערונג פון אַלע פעלקער?

איך האָב איצט געקאָנט דערקענען אין אים, אַז לסוף הויבט עפּעס אָן אַריינדרינגען אין זיין מוח; אַז ער האָט פאַרשטאַנען צו האָבן באַגאַנגען אַ נאַרישקייט, וויל ער האָט זיך געפילט מערקבאַר אַביסל פאַרלוירן.

— אָבער פאַרוואָס רעדט איר וועגן אַ העכערער סאָציאַלער קולטור? דאָס וואָרט קולטור איז דאָך איינס פון די באַליבטסטע אויסדרוקן פון די פאַנגערמאַניסטן.

— קאָן זיין, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, — האָב איך אים געענטפערט, — אָבער עס איז לגמרי נישט קיין מאָנאָפּאָל פונעם פאַנגערמאַניזם. אָדער צי ווילט איר אפשר מאַכן גלייבן, אַז ס'איז פאַראַן בלויז איין קולטור־אידעאַל?

— דאָס נישט, — האָט ער געזאָגט אַביסל געפאַלן ביי זיך, — אָבער אפשר וואָלט איר מיר אין קורצע ווערטער דערקלערט, וואָס איר אַליין פאַרשטייט אונטער אַ העכערער קולטור?

— זייער גערן, — האָב איך געענטפערט. — איך פאַרשטיי אונטער דעם אַ געזעלשאַפטלעכן צושטאַנד, אין וועלכן די גרויסע מערהייט פון די מענטשן זאָל מער נישט דערנידעריקט ווערן ווי לאַסט־בהמות און אָביעקטן פאַר עקספּלואַטאַציע פון קליינע פּריווילעגירטע מינדערהייטן און אין וועלכן אַזאַ מאָנסטרועזער פאַרברעך ווי דער איצטיקער מאַסנמאָרד פון די פעלקער זאָל זיין אַן עינין פון דער פאַרגאַנגענהייט.

איצט האָט ער זיך שוין אינגאַנצן געפילט פאַרלוירן, ביז ער האָט לסוף געקאָנט פועלן ביי זיך אַרויסצוקומען מיט אַן ענטפער:

— איך פאַרשטיי, — האָט ער ענדלעך געזאָגט, — איר זענט טאָלסטאָיִס אָנהענגער.

— אין אַ סך פּרטים איז עס טאַקע אַזוי, — האָב איך אים דערקלערט. — אינדערהאמתן שרייב איך אונטער אַלעס, וואָס טאָלסטאָי האָט געזאָגט וועגן דער מלחמה און וועגן דער ראָל פון די רעגירונגען.

— און ווער זיינען די „קאַמעראַדן", וועגן וועלכע איר רעדט אין אייער בריוו? — האָט ער געפרעגט.

— די אַנאַרכיסטן, — האָב איך קורץ געענטפערט.

דאָס איז געווען גענוג. ער האָט מיר צוגעוואָרפן אַ מאָדנעם בליק און געזאָגט העפלעך:

— איך מוז צוגעבן, אַז איך האָב אייך שלעכט פאַרשטאַנען. און איצט, אַז דער עינין איז אויפגעקלערט, וועל איך אייער בריוו תיכף אָפּשיקן.

דערמיט איז אונדזער שמועס געווען געענדיקט און איך האָב זיך מיט אים געזעגנט. דער גאַנצער עינין איז געווען קאָמיש ביז גאָר, אָבער ער האָט, צום באַדויערן, געהאַט אויך אַן ערנסטע זייט. ווען די אויספירנדיקע אָרגאַנען פון דער צענזור אין לאָנדאָן וואָלטן די בריוו פון די געפאַנגענע פונקט אַזוי פאַלש פאַרשטאַנען און אויסגעטייטשט ווי אונדזער צענזאָר אויף דער שיף „ראָיאַל עדוואַרד“, דעמאָלט וואָלט עס אויסגעזען זייער שלעכט מיט אונדזער קאָרעספּאָנדענץ.

# די לעצטע חדשים אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד״

סוף פעברואַר האָט מען אונדז געלאָזט וויסן, אַז פון איצט אָן מעג מען שוין לייענען צייטונגען און אַז די פּאַרלאַנגטע בלעטער דאַרפן באַצויגן ווערן דורך די ליניע־קאַפּיטאַנען. וועלכע סיבות ס׳האָבן לסוף באַוועגט דאָס קריגס־מיניסטעריום בטל צו מאַכן אָט־דעם אומזיניקן פאַרבאָט צו לייענען צייטונגען, וועלכער האָט דאָך סיי־ווי נישט געהאַט קיין זין, ווייל ער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט ווי געהעריק דורכגעפירט ווערן, איז נאַטירלעך געוועזן אומבאַקאַנט. אין דער אויפשריפט אויפן „שוואַרצן ברעט״ איז גלייכצייטיק באַקאַנט געמאַכט געוואָרן, אַז סאָציאַליסטישע צייטונגען זיינען נאָך ווייטער פאַרווערט, פונקט ווי ביז איצט, פונקט ווי דאָס לייענען בלעטער, וועלכע זיינען אויסן „צו מאַכן פאַראַכטלעך אונדזערע שונאים און זיי צו פאַראומווירדיקן״. ווי גרויס איז געווען מיין איבערראַשונג, ווען איך האָב אויף דער ליסטע פון די דער־לויבטע בלעטער געזען בלויז קאָנסערוואַטיווע אָרגאַנען, צווישן זיי אויך די „דיילי מייל״ און דעם „דיילי עקספּרעס״, צוויי פון די באַרימטסטע העצערישע בלע־טער, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געוווּסט פון קיין גרענעץ, ווו זיי דאַרפן אָפּשטעלן די באַשמוצונג פון די דייטשן. קיין איינציקע ליבעראַלע צייטונג איז נישט געווען אויף דער רשימה, און ווען אייניקע פון אונדז האָבן פונדעסטוועגן געפּרוּווט צו באַ־ציען דעם „מאַנטשעסטער גואַרדיאַן״ אָדער די „דיילי ניוס״, האָט מען זיי געלאָזט וויסן, אַז אויך דידאָזיקע צייטונגען זיינען פאַר זיי פאַרווערט.

אין דערזעלביקער צייט האָט מען אויך גערעדט וועגן דער באַלדיקער אָפּליי־דיקונג פון דער „ראָיאַל עדוואַרד״ און דער „סאַקסאָניאַ״. לכתחילה האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן אומקאָנטראָלירטע קלאַנגען, וועלכע האָבן זיך אָבער וואָס ווייטער אַלץ מער איבערגעחזרט. פאַרן רוב פון אונדז האָט אָט־די אויסזיכט נישט געהאַט קיין גרויסן באַדייט, ווייל די לאַגע אויף דער שיף איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אומדערטרעגלעכער. מיר האָבן געוווינט צונויפגעקוועטשט ווי שאָף אין אַ שטאַל און זיך קוים געקאָנט באַוועגן. אַ געוויסע צייט קאָן מען דאָס נאָך אויסהאַלטן, אָבער ווען דאָס דויערט צו לאַנג, ווירקט דאָס אויף די נערוון פון די מענטשן. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די שלעכטע דערנערונג, וועלכע איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ ערגער. ס׳איז אפילו דערלויבט געווען פאַר אונדזערע קרובים אין לאָנדאָן אונדז צו מאַכן איינמאָל יעדן חודש אַ צוואַנציק־מינוטדיקן באַזוך, אָבער דער גרויסער רוב פון מיינע מיטגעפאַנגענע האָט קיינמאָל נישט געקאָנט געניסן פון אָט־דעם

רעכט, ווייל ס׳האָבן זיי געפעלט די מיטלען פאַר דעם. די אונטערשטיצונג, וועלכע די ענגלישע רעגירונג האָט באַווויליקט פאַר די פאַמיליעס פון די אינטערנירטע, איז נישט געווען גענוג, ביכדי צו קאָנען דורכקומען מיט די מינימאַלסטע באַדערפע־נישן. אָבער דאָס פאָרן פון לאָנדאָן קיין סאַוטהעמפּטאָן האָט געקאָסט פינף שילינג פאַר דער אַהין־ און צוריק־רייזע. אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען אַלעס. די מיליטע־רישע פאַרוואַלטונג האָט טאַקע דערלויבט די באַזוכן, אָבער ס׳איז זי ווייניק אָנגע־גאַנגען, ווי אַזוי די באַזוכער וועלן באַווייזן צוצוקומען צו די שיפן. די באַלעבאַטים פון די קליינע שיפלעך האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט צו שלאָגן קאַפּיטאַל דערפון און זיי האָבן פאַרלאַנגט פון די אָרעמע פרויען, וועלכע האָבן געוואָלט קומען באַזוכן זייערע מענער, די אומפאַרשעמטסטע פרייזן. פאַר דעם קורצן אַריבערפאָר אויפן „ראָ־יאַל עדוואַרד״ האָבן זיי פאַרלאַנגט פון פינף ביז זעקס שילינג, און צו דער „סאַק־סאָניאַ״, וועלכע איז געלעגן אַביסל ווייטער, אפילו צען שילינג.

אַט־דער סקאַנדאַליעזער צושטאַנד האָט זיך אַביסל געענדערט ערשט דעמאָלט, ווען איינער פון אונדזערע חברים, וועמען זיין פרוי האָט געוואָלט באַזוכן, האָט איר געשריבן, אַז זי זאָל בעסער נישט קומען, ווייל זי וועט פאָרן צופאָר צו דער שיף דאַרפן באַצאָלן מער ווי פאַר דער גאַנצער רייזע פון לאָנדאָן קיין סאַוטהעמפּטאָן און צוריק. דער מאַן איז צוליב דעם גערופן געוואָרן צום צענזאָר, וועלכער האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער שרייבט אַזאַ מין זאַך. האָט ער אים געענטפערט, אַז ער האָט באַקומען אָט־די ידיעה פון מיר. נו, האָט דער צענזאָר געשיקט נאָך מיר. איך האָב אים דערקלערט, אַז מיין פרוי מוז ביי יעדן מאָל, ווען זי וויל קומען צו מיר, באַצאָלן אָט־דעם פרייז. האָט ער פעסט און זיכער געטענהט, אַז אַזעלכעס איז נישט מעגלעך, אַז דאָ מוז זיין אַ טעות. אָבער אַזוי ווי איך בין געווען אימשטאַנד צו ברענגען עדות, האָט ער מער נישט געקאָנט צווייפלען אינעם אמת פון מיינע ווערטער. ערשט נאָכדעם איז די טאַקסע פאַרן אַריבערפאָרן באַשטימט געוואָרן אויף איין שילינג. אָבער אויך אָט־די פאַרשריפט איז אָפט נישט אָפּגעהיט געוואָרן, מחמת מ׳האָט דאָך די באַלעבאַטים פון די שיפלעך נישט געקאָנט צווינגען צו פאָרן.

ביי אָט־די אומשטענדן איז לייכט צו באַגרייפן, אַז ס׳איז פאַרן גרויסן רוב פון די געפאַנגענע לגמרי נישט געווען וויכטיק, צי די שיף וועט יאָ אָפּגעליידיקט ווערן, צי נישט. דערפאַר אָבער האָבן די „בעסערע הערן״ געהאַט גענוג מאָטיוון נישט צו זען מיט צופרידנהייט דאָס אַריבערפירן זיי אויף אַן אַנדערן פּלאַץ. מיט דער הילף פון זייער געלט האָבן זיי געהאַט פאַר זיך נישט נאָר די בעסטע און געראַמיקסטע קאַבינעס; זיי האָבן אויך פאַר די זעקס שילינג און זעקס פענעס, וואָס זיי האָבן געצאָלט טעגלעך דער ענגלישער רעגירונג פאַר זייער אויסהאַלט, באַקומען גוט און גענוג עסן; אין משך פונעם טאָג האָבן זיי געהאַט צו זייער רשות זייער אייגענעם סאַלאָן און פאַר די שפּאַצירן — דעם געראַמיקן אויבערשטן דעק, אויף וועלכן קיין אַנדערע געפאַנגענע האָט נישט געטאָרט שטעלן קיין פיס. זיי האָבן זיך דעריבער נישט געהאַט אויף וואָס צו באַקלאָגן. דעריבער האָט דער קלאַנג וועגן דער אָפּליידיקונג פון דער שיף אויף זיי געמאַכט אַ גאַנץ אַנדערע ווירקונג. די

באַראָנעז האָבן זיך נאָכגעפרעגט ביים אַדיוטאַנט, צי יענער קלאַנג האָט וועלכן ס׳איז גרונט. ער האָט זיי געענטפערט, אַז צום באַדויערן קאָן ער זיי וועגן דעם גאָרנישט זאָגן, אָבער אַז עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אַזאַ באַלדיקע אָפּליידיקונג זאָל יאָ פאָרקומען.

האָבן זיך די „זעקס און זעכציק מענער“, ווי מ׳האָט זיי גערופן אויף דער שיף, תיכף גענומען צו דער אַרבעט און זיי האָבן צוגעגרייט ממש אַ שענדלעכע פּעטיציע צום קריגס־מיניסטעריום, רעכענענדיק, אַז אַלע געפאַנגענע וועלן זי אונטערשרייבן. אין אָט־דער שריפט איז אויסגעדריקט געוואָרן פאַר דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג פון דער שיף דאָס גרעסטע לויבגעזאַנג און די אַלגעמיינע באַהאַנדלונג פון די געפאַנגענע איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ צופרידנשטעלנדיקע. נאָך אָט־דער דער־ווידערלעכער חניפה איז געקומען די הכנעהדיקסטע בקשה, אַז מ׳זאָל איבערלאָזן די געפאַנגענע אויפן „ראָיאַל עדוואַרד“, ווו זיי פילן זיך, לויט די אומשטענדן, זייער גוט און זיי אייַנצושפּאָרן די טירחה פון דער אַריבערפירונג אין אַ נייעם לאַגער.

די גאַנצע פּעטיציע איז געווען אַ ביישפּיללאָזע געמיינהייט, ווייל נישט נאָר האָבן אָט־די לייט געוווסט, אַז דער לויב, וועלכן זיי דריקן־אויס אויף אַזאַ פרייגעביקן אופן פאַר דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג, איז אַ פאַלשע שילדערונג פון די פאַקטן, נייערט זיי האָבן דאָך אויך געדאַרפט וויסן, אַז ס׳איז געווען געפערלעך איבער־צוגעבן דער ענגלישער רעגירונג אַזאַ מין דערקלערונג. מיט אַזאַ דאָקומענט אין די הענט איז דאָך די רעגירונג שפּעטער אימשטאַנד צו אָפּוואַרפן יעדע ווענדונג צו איר צו פאַרבעסערן אונדזער קלאָגעדיקע לאַגע. ס׳וועט פאַר איר זיין גענוג צו פאַרופן זיך אויף דעם, אַז מיר אַליין האָבן מיט אונדזער אונטערשריפט באַצייכנט די לאַגע ווי צופרידנשטעלנדיק. אָבער וואָס איז אָנגעגאַנגען אָט־די לייט דער ווילשטאַנד אָדער דאָס מוטשעניש פונעם כלל, ווען ס׳זיינען געשטאַנען אין קאָן זייערע אייגענע פּריווילעגיעס! דער נאַרישער קלאַסן־שטאָלץ און דער ברוטאַלער עגאָיזם האָט ביי זיי צוגערויבט יעדעס פאַרשטענדעניש פאַר די אינטערעסן פונעם כלל און זיי איז אָנגעגאַנגען זייער ווייניק, אויף וועמעס חשבון זיי וועלן אָנהאַלטן זייערע פּריווי־לעגיעס, אַבי זייערע אינטערעסן זאָלן זיין געשיצט.

מיינע פריינט און איך האָבן אַנטוויקלט אַ פיבערדיקע טעטיקייט, ביכדי נישט צו דערלאָזן, אַז די געפאַנגענע זאָלן אָט־די פּעטיציע אונטערשרייבן. דער רעזולטאַט פון אונדזער אַקטיוויטעט איז טאַקע געווען, אַז אַ סך, וועלכע האָבן זי שוין געהאַט אונטערגעשריבן, האָבן דערנאָך צוריקגעצויגן זייער אונטערשריפט. און ווען די באַראָנען און זייערע אָנהענגער האָבן לסוף איינגעזען, אַז זייער אַזוי שיין אויסגע־אַרבעטער פּלאַן צו באַקומען די אונטערשריפטן פון אַלע געפאַנגענע נעמט זיך נישט אָן, האָבן זיי גענומען אויספּרווון אַן אַנדער מיטל, צו כאַפּן די געפאַנגענע אויף זייער ווענדקע. זיי האָבן געלאָזט פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז דער אַדיוטאַנט איז פּערזענלעך פאַראינטערעסירט אינעם דערפאָלג פון דער פּעטיציע און ס׳איז נישט ראַטזאַם צו פאַרלירן זיין גוטוויליקייט צו אונדז דורך אונדזער גרונטלאָזער אייַנגע־שפּאַרטקייט. צי אָט־די טענה זייערע איז טאַקע געווען אַן אמתדיקע האָט, פאַרשטייט

זיך, נישט געקאָנט באַוויזן ווערן. אָבער ווען אויך אַט־דער נייער פּרווו זייערער איז דורכגעפאַלן, האָבן זיי געלאָזט פאַרשפּרייטן אַ נייעם קלאַנג, אַז אַלע, וועלכע וועלן זיך אָפּזאָגן אונטערצושרייבן די פּעטיציע, וועלן אָפּגעשיקט ווערן אויף דער „אייל אָף מען״.

די „אייל אָף מען״ האָט נישט געהאַט קיין גוטן שם צווישן די געפאַנגענע. די בלוטיקע געשעענישן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין דאָרטיקן אינטערנירונגס־לאַגער, ביי וועלכע אַ צאָל ציוויל־געפאַנגענע האָבן פאַרלוירן זייער לעבן, זיינען נאָך געווען פריש ביי אַלעמען אין זיכרון. איז דעריבער נישט געווען קיין חידוש, וואָס אַ סך, וועלכע האָבן לכתחילה נישט געוואָלט אונטערשרייבן די פּעטיציע, האָבן זיך לסוף דאָך געלאָזט אָפּשרעקן און אַוועקגעלייגט זייער חתימה. יעדנפאַלס האָט אונדזער קעגנאַקציע געהאַט דעם רעזולטאַט, אַז בלויז ווייניקער ווי אַ העלפט האָט אונטערגעשריבן די פּעטיציע, בעת די גרעסערע העלפט האָט זיך אויך נאָך אַט־דעם נייעם אָפּשרעק געהאַלטן פעסט.

דורך דער פאַרמיטלונג פונעם אַדיוטאַנט איז די פּעטיציע אָפּגעשיקט געוואָרן צום קריגס־מיניסטעריום. זי האָט טאַקע נישט געקאָנט שטערן, אַז דריי חדשים שפּעטער זאָל די שיף סוף־כל־סוף אָפּגעליידיקט ווערן, דערפאַר איז אָבער געקומען דאָס, פאַרוואָס מיר האָבן זיך צום מיינסטן געשראָקן און געהאַט פאָרויסגעזאָגט: די פּעטיציע פון די פּריווילעגירטע און פון די דורך זיי פאַרפירטע געפאַנגענע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין די ענגלישע צייטונגען און האָט געגעבן די היפּערפּאַטריאָטישע בלעטער פונעם סאָרט פון דער „דיילי מייל״ און „דזשאָן בול״ אַ גוטע גע־לעגנהייט צו פאַרנעמען גאַנצע שפּאַלטן וועגן אונדזער „שווימענדיקן האָטעל״ און וועגן דעם גרויסאַרטיקן לעבן, וואָס מיר פירן אויף דער שיף.

קורץ נאָך דער געשעעניש מיט דער פּעטיציע האָט דער אַדיוטאַנט געמאַכט אַן אינספּעקציע־באַזוך אין די קלאָזעטן און ער האָט דאָרט באַמערקט אַן אויפ־שריפט, וועלכע האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ מוראדיקן צאָרן. עפּעס אַן אידיאָט האָט אויף איינער פון די טירן מיט אַ טינט־בליישטיפט אָנגעשריבן מיט גרויסע אותיות „גאָט שטראָפע ענגלאַנד!״. דער אַדיוטאַנט איז אינגאַנצן אַרויס פון די כלים, האָט אַלעמען געסטראַשעט און געפאָדערט פונעם ליניע־קאַפּיטאַן, אַז ער זאָל אויס־געפינען דעם פאַרברעכער. דאָס איז געווען צו פיל פאַרלאַנגט און די פאָדערונג איז זיכער געווען פאַרמישפּט אויף אַ דורכפאַל. איז דער סוף דערפון געווען, אַז די מיליטערישע פאַרוואַלטונג האָט איצט לגבי די געפאַנגענע אָנגעהויבן אַ פּאָליטיק פון שיקאַנעס, וועלכע איז געווען פונקט אַזוי לעכערלעך ווי דער אויפטו פון יענעם נאַרישן פאַרשוין, וועלכער האָט באַנוצט אַ טיר פון אַן אָפּטריט ווי אַ שילד פאַר זיינע פּאַטריאָטישע געפילן. מיט יעדן טאָג זיינען געקומען אַלץ נייע געבאָטן, וועלכע זיינען געווען אַזוי אומזיניק, אַז זיי האָבן די מענטשן געמוזט מאַכן אַלץ מער פאַרביטערט און וועלכע האָבן, אגב, צוליב פּשוט־פּראַקטישע טעמים, נישט געקאָנט אָפּגעהיט ווערן. אַזוי איז צווישן אַ סך אַנדערע אַרויס אַ געבאָט, אַז די טירן פון ביידע שלאָפזאַלן דאַרפן ביינאַכט זיין פאַרשלאָסן. אַט־די פאַראָרדענונג

איז געווען אַזוי אומזיניק, אַז זי איז פון די געפאַנגענע באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פּשוטע שיקאַנע. טאָמער האָט עמעצער פון די שלאָפנדיקע בייגאַכט געדאַרפט אַרויסגיין צו טאָן זיין באַדערפעניש, האָט ער געדאַרפט לאָזן קלינגען אַ גלעקל, כדי צו אַלאַרמירן די וואַך.

אַט־דידאָזיקע נאַרישע פאַראָרדענונג האָט אָנגעמאַכט אַ סך בייז בלוט נישט בלויז צווישן די געפאַנגענע, נייערט אויך צווישן די זעלנער, פאַר וועמען דאָס איז געווען אַ זייער אומבאַקוועמער און לעסטיקער עינין. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינע פון די טירן איז בייגאַכט צעבראָכן געוואָרן. נו, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן, ווי דער אַדיוטאַנט איז געוואָרן אויסער זיך פון גרימצאָרן. ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ חקירה ודרישה, וועלכע האָט זיך פאַרענדיקט מיט גאָרנישט. ס'זיינען אַריבער בערך צוויי וואָכן, ווען דער אַדיוטאַנט האָט אונדז אַלעמען געהייסן אויסשטעלן זיך אויף דער דעק און אונדז דערקלערט, אַז אויב מ'וועט אים אין משך פון דריי טעג נישט לאָזן וויסן דעם נאָמען פון דעם, וואָס האָט צעבראָכן די טיר, וועט ער אויף אַלע געפאַנגענע אַרויפלייגן אַ שטראָף און במשך פון פיר וואָכן נישט אָפּשיקן און נישט איבערגעבן זיי קיין בריוו. די דריי טאָג זיינען אַריבער אָן אַ רעזולטאַט און דער אָפּשטעל פונעם בריוו־פאַרקער איז איינגעפירט געוואָרן. זי איז געווען פונקט אַזוי צוועקלאָז ווי אכזריותדיק, ווייל געליטן פון איר האָבן בלויז אומשולדיקע. מ'האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז דער טיר־צעברעכער איז געווען איינער פון די גיבראַלטאַרלייט, אַ פאַרשוין, וועלכער האָט נישט געשריבן און נישט באַקומען קיין בריוו, ד"ה אַז ער איז פונעם אָפּשטעל פון דעם בריוופאַרקער לחלוטין נישט געטראָפן געוואָרן. אָבער פאַר די געפאַנגענע, וועלכע האָבן געהאַט זייערע פאַמיליעס אין ענגלאַנד, איז אַט־דאָס ברוטאַלע מיטל געווען אַן עמפינדלעכער קלאַפּ אויף זייער געמיט־שטימונג. אַ קלאַפּ, וועלכער האָט געטראָפן נישט נאָר זיי, נייערט אויך זייער פרויען און קינדער אינדרויסן, וועלכע זיינען דאָך זיכער געווען אינגאַנצן אומשולדיק אין די פאַסירונגען. זוען די אַרויסגעבער פון אַזעלכע אייגנוויליקע געבאָטן וואָלטן זיך אַליין אַוועקגעשטעלט די פראַגע, וויפל יסורים און פּיין זיי קאָנען גורם זיין פאַר טויזנטער פון זייערע צעפייניקטע מיטמענטשן מיט איין שטריך פון זייער פעדער, וואָלטן זיי בלי שום ספק געווען עפּעס פאָרזיכטיקער מיט זייערע מעשים. אין רוב פאַלן גייט עס דאָ נישט וועגן פערזענלעכער רישעות, נאָר וועגן האָפענונגסלאָזער ביוראָקראַטישער טעמפּקייט, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַזעלכע שטיק. אויך דער אַדיוטאַנט איז נישט געווען קיין מאָנסטער און איך האָב געזען ביי אים נישט איין מענטשלעכן שטריך אין זיינע האַנדלונגען, אָבער ער איז געווען אַ מענטש פונעם סיסטעם און די שטייפע פּרינציפּן פונעם מיליטאַריזם זיינען נישט אין איינקלאַנג מיט קיין שום מענטשלעכער איינזעעניש.

צוזאַמען מיטן אָפּשטעל פון אונדזער קאָרעספּאָנדענץ האָט מען אויך דעמאָלט פאַרווערט אויף פיר וואָכן אַלע באַזוכן. פונדעסטוועגן האָט מיר אַ מערקווירדיקער צופאַל געהאָלפן, אַז איך האָב גראָד אין יענער צייט געקאָנט רעדן מיט מילין אָן

אַ שום איבערוואַכונג. די זאַך איז זיך פאַרלאָפן אַזוי: פונקט אין דער צייט פונעם אָפּשטעל פון בריוו־פאַרקער איז מילי אָנגעקומען קיין סאַוטהענד באַלאָדן מיט אַ גרויסער צאָל פּעקלעך, ביכדי צו מאַכן אַ באַזוך ביי אונדזערע חברים, וועלכע געפינען זיך אויף דער „סאַקסאָניאַ״. האָט זיך צופעליק געמאַכט אַזוי, אַז זי איז צוגעקומען צום האַפן פונקט דעמאָלט, ווען דער קאָמאַנדאַנט פון דער „סאַקסאָניאַ״ האָט זיך געגרייט אָפּצופאָרן צו זיין שיף. האָט מילי קיין סך נישט געטראַכט און אַ פרעג־געטאָן, צי ער וואָלט איר געקאָנט דערלויבן מיטצופאָרן, אויף וואָס דער קאָמענדאַנט האָט פריינטלעך מסכים געווען. צו איר גרויסער איבערראַשונג איז אָבער די קליינע באַרקאַסע פריער צוגעפאָרן צו דער שיף „ראָיאַל עדוואַרד״, ווו דער קאָמאַנדאַנט האָט מיסתמא געהאַט עפעס צו דערליידיקן, און זיך אָפּגעשטעלט נעבן דער לייטער, וועלכע מ׳האָט אַראָפּגעלאָזט פון דער שיף צום קליינעם שיפל. נעבן אָט־דער לייטער איז געווען אַ קליינע קאַבינע, אין וועלכער ס׳האָבן געוווינט פיר געפאַנגענע, צווישן זיי אויך מיין פריינט גערווינג. מ׳האָט בלויז געדאַרפט עפע־נען דאָס קליינע פענצטערל און מ׳האָט די מענטשן אינעם שיפל כימעט געקאָנט דערלאַנגען די האַנט. און ווען מילי איז איצט געבליבן אַליין אינעם שיפל און געוואַרט אויפן אומקער פונעם קאָמאַנדאַנט און מאַטראָסן, האָט זי מיטאַמאָל גע־הערט שטיל אָנרופן איר נאָמען. זי האָט אויפגעהויבן איר בליק און דערקענט גער־ווינגן, וועלכער האָט איר געגעבן אַ ווונק זיך צו פאַרהאַלטן רואיק. גערווינג איז תיכף אַרויסגעלאָפן, ביכדי מיך אויפצוזוכן און מיר איבערגעגעבן די פריילעכע נייס. איך בין תיכף אַוועק מיט אים צום פענצטערל. מיר האָבן געהאַט מזל. בעת גער־ווינג איז געשטאַנען ביי דער טיר פון קאַבינע און געהיט, צי ס׳קומט נישט עמעצער אַן אומגעוווּנטשענער, האָבן מיר כימעט אַ גאַנצע שעה צייט געקאָנט רעדן וועגן אַלעס וואָס איז געווען נאָענט צום האַרצן. חוץ דעם איצטיקן מאָל האָב איך נאָך איינמאָל בלויז אין דער צייט פון מיין געפאַנגענשאַפט געהאַט דאָס גליק צו רעדן פריי און אומגעשטערט מיט מיין פרוי; דאָס איז געווען שפּעטער, אין דער געביידע פונעם ענגלישן פּאַרלאַמענט. אָבער ס׳זיינען געהאַט אַריבער מער ווי צוויי יאָר זינט דעם און מיר האָבן זיך דעמאָלט ביידע געטראָפן ווי געפאַנגענע.

סוף פעברואַר האָט מען אונדז צו וויסן־געטאָן, אַז דריי הונדערט פון אונדזערע מיטגעפאַנגענע וועלן אָפּגעשיקט ווערן אויף דער „אייל אָף מען״. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אייניקע גוטע חברים. אָבער וואָס מיר האָט צום מיינסטן וויי־געטאָן איז געווען דאָס, וואָס אויך מיין שוואָגער, ערנסט זיממערלינג, און דער ווילער גערווינג וועלן אונדז פאַרלאָזן. ערשט אין דער געפאַנגענשאַפט פאַרשטייט מען ווי ווערטפול ס׳איז אַ פריינטשאַפט־צונויפבונד. דערפאַר איז די שיידונג פאַר אונדז געווען טאָפּלט שווער. ווערמען האָט דעמאָלט געקאָנט איינפאַלן, אַז ס׳וועלן נאָך מוזן אַריבער מער ווי פיר יאָר, ביז מיר וועלן זיך פונדאָסניי קאָנען זען, און דאָס נישט אין ענגלאַנד, נאָר אין בערלין.

פון אָנהויב האָבן מיר געמיינט, אַז מ׳שיקט־אַוועק די דריי הונדערט מענטשן דערפאַר, ווייל די דריקנדיקע ענגשאַפט, אין וועלכער אונדז קומט אויס צו לעבן,

איז דאָך סוף־כל־סוף אָן אוממעגלעכקייט. אָבער שוין נאָך צוויי וואָכן האָט מען אונדז צוגעשיקט אויפן אָרט פון די דריי הונדערט, וועלכע האָבן אונדז פאַרלאָזט, דריי הונדערט און אַכציק נייע מענטשן, אַזוי אַז אונדזער לאַגע איז געוואָרן נאָך ערגער ווי פריער. דאָס ערגסטע איז אָבער געווען דאָס, וואָס צוזאַמען מיט די ניי־אָנגעקומענע איז צו אונדז געקומען אַ זייער שלעכטער סאָרט מענטשן. דאָס הייסט נישט, אַז צווישן די נייע איז נישט געווען קיין פיינע און דערטרעגלעכע פערזאָנען. דער רוב פון זיי איז געווען פאַרנינפטיקע און מיושבדיקע מענטשן, מיט וועלכע מ׳האָט געקאָנט אויסקומען נישט ערגער ווי מיט אַלע אַנדערע. אָבער דער טאָנגעבער ביי זיי איז געווען יענער דערווידערלעכער, מכלומרשטער געבילדעטער עלעמענט, וואָס האָט נישט אין זיך אפילו קיין שמץ פון שכל־הישר און וועלכער קוקט־אַראָפּ מיט אַן אידיאָטישער מינדערשאַצונג אויף יעדן איינעם, וועלכער האָט נישט געלערנט אין אַ הויכשול לפּחות.

דידאָזיקע מענטשן זיינען געקומען פון פּאָרטסמוט, ווו זיי זיינען געווען אינ־טערנירט אויף דער שיף „קענעדע״, וועלכע איז געלעגן פאַראַנקערט אין דאָרטיקן פּאָרט. אויפן באַפעל פונעם קריגס־מיניסטעריום האָט די שיף פלוצים געמוזט אָפּ־געליידיקט ווערן. איין טייל פון די דאָרטיקע אינטערנירטע איז געקומען צו אונדז, די אַנדערע איז אַוועק צו דער „סאַקסאָניאַ״. די ניי־אָנגעקומענע זיינען נאַטירלעך געווען פּאַטריאָטיש ביז צו די ביינער. אַ סך פון זיי האָבן געהאַט שוואַרץ־ווייס־רויטע קאָקאַרדעס אינעם לאַץ, פונקט ווי די גיבראַלטאַרלייט, ווען זיי זיינען צו אונדז געקומען. אָבער בעת ביי די לעצטע איז געווען צו מערקן אַ שטאַרק אויסגעקריצט געפיל פון צוזאַמענגעהעריקייט, וועלכעס האָט אפילו אָוועקגעקוקט פון קלאַסן־אונ־טערשיידן, איז אָבער דערפון ביי אָט־די שוטהוואַטע געבילדעטע פיליסטערס נישט געווען אפילו קיין שפּור.

דער רוב פון די דריי הונדערט מענטשן, וועלכע זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אויף דער „אייל אָף מען״, זיינען געהאַט געווען איינגעקוואַטירט אין ביידע גרויסע שלאָפזאַלן. ס׳איז דערביי געווען אוומפאַרמיידלעך, אַז ס׳זאָלן די ערשט אָנגעקו־מענע פון דער „קענעדע״ איבערגעגעבן ווערן אָט־די צוויי זאַלן ווי שלאָפצימערן. זיכער איז אַ צוזאַמענוווינען אין די פּוסטע און זייער פּרימיטיוו־איינגעאָרדנטע גרויסע שלאָפזאַלן נישט געווען קיין פאַרגעניגן. אָבער ביי די הערשנדיקע אומ־שטענדן איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה. אָבער דערמיט האָבן זיך די „גרויסע לייט״ פון דער „קענעדע״ נישט געוואָלט צופרידנשטעלן; זיי האָבן דווקא פאַרלאַנגט, אַז מ׳זאָל זיי איבערגעבן איין טייל פון די קאַבינעס און די, וועלכע ווינען דאָרט, זאָל מען הייסן זיך אַריבערקלויבן אין די גרויסע שלאָפזאַלן. זיי האָבן מאָטיווירט דידאָזיקע חוצפּהדיקע פאָדערונג דערמיט, אַז ווי אַקאַדעמיש־געבילדעטע לייט מוז מען זיי אומבאַדינגט געבן די געלעגנהייט צו וווינען צוזאַמען מיט זייערס גלייכן. אויף די ענגלישע זעלנער האָבן דידאָזיקע באַגריפן נישט געמאַכט קיין שום איינ־דרוק. האָבן זיי זיך געווענדט צו די דייטשע ליניע־קאַפּיטאַנען, ביכדי זיי צו באַ־וועגן, אַז זיי זאָלן זיי העלפן דורכפירן זייערע געמיינע שטיק. איייניקע פון די

קאַפּיטאַנען האָבן זיך טאַקע געלאָזט אויסנוצן צו אַזאַ טרויעריקער ראָל און פאַר־לאַנגט פון די מענטשן פון זייערע ליניעס פריוויליק אָפּצוטרעטן זייערע קאַיוטעס פאַר די „הערן רעזערוו־אָפיצירן און אַקאַדעמיקער". פאַקטיש זיינען געווען אייניקע צענדליק קנעכטישע נשמות, וועלכע האָבן איבערגעגעבן זייערע שלאָפפלעצער פאַר אָט־די אויפגעבלאָזענע און אַראָגאַנטישע שוטים, פאַר וועלכן די לעצטע האָבן זיי אפילו נישט געהאַלטן פאַר נויטיק צו דאַנקען. אָבער דאָס שענסטע איז געקומען שפּעטער. ווען די־אַ אידעלע פאַרטרעטער פונעם דייטשטום זיינען געוווּר געוואָרן, אַז די באַראָנען זיינען גוטע ברידער מיטן אַדיוטאַנט, האָבן אויך זיי זיך צו אים געווענדט, ביכדי מיט אים זיך צו באַראַטן. דער פּועל־יוצא פון אָט־דעם שמועס האָט טאַקע נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן אויף זיך. נאָך אינעם זעלביקן טאָג האָט מען פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג געלאָזט וויסן די געפאַנגענע, אַז פון איצט אָן מוז פאַר יעדער קאַיוטע אָן אויסנאַם געצאָלט ווערן אַ שילינג דירה־געלט און יענע, וועלכע קאָנען דאָס נישט טאָן, מוזן זיך אַריבערקלויבן אין די גרויסע שלאָפזאַלן.

ווען אָט־דער באַפעל איז באַקאַנט געוואָרן, האָט די געפאַנגענע אַרומגעכאַפּט אַ געוואַלדיקע אויפרעגונג. יעדער איינער האָט געוווּסט, ווו מ׳דאַרף זוכן די אמתע גורמים פון אָט־דער שענדלעכער גזירה. דאָס זיינען געווען דייטשן און נאָך דערצו גרויסע דייטשע פּאַטריאָטן, וועלכע האָבן אונטערגעזאָגט די ענגלענדער אָט־דעם אומווירדיקן געדאַנק. איין טייל פון די געפאַנגענע האָט אָן ווידערשטאַנד אויס־געפאָלגט די נייע פאַראָרדענונג. דער רוב אָבער האָט געקאָנט פאַרטריבן ווערן פון זייערע קאַיוטן נאָר מיט דער הילף פון ענגלישע זעלנער. און בעת די ענגלישע זעלנער האָבן מיט באַשיימפּערלעכן ווידערווילן דורכגעפירט דעם באַפעל, זיינען די „געבילדעטע גדולים" געשטאַנען מיט זייערע פּעקלעך ביי די אָפענע טירן פון די קאַיוטן און זיך מיט אַ שפּאָטישן שמייכל צוגעקוקט צו אָט־דעם אומווירדיקן ספּעקטאַקל. ס׳איז געווען אַזאַ דערווידערלעך און נשמה־אויפּברויזנדיק בילד, אַז נאָך היינט ווער איך רויט פאַר חרפה, ווען איך שרייב אָט־די שורות.

עס ווייזט אָבער אויס, אַז אַזוי ווי ס׳איז פאַרן אַדיוטאַנט נישט פאַרביי אומ־באַמערקט די גרויסע אויפרעגונג, וואָס הערשט צווישן די געפאַנגענע, האָט ער, קענטיק, איינגעזען, אַז ער האָט זיך פאַרנומען אויף אַ פאַלשן וועג דערמיט, וואָס ער האָט זיך צוגעהערט צו די פאַרלאַנגען פון די פריווילעגירטע. האָט ער פאַר־ענדיקט די אַרויסטרייבונג פון די געפאַנגענע פון די קאַיוטעס פון דער פאָדער־שטער דעק און נישט געמאַכט קיין פּרווו צו טאָן דאָס נעמלעכע אויך אויף דער הינטערשטער דעק. אַזוי אַרום האָבן מיר, וואָס מיר האָבן זיך געפונען אויף דער הינטערשטער דעק פון דער שיף, זיך איינגעשפּאָרט צו שטעלן אונדזער געדולד פאַר אַ נסיון. יעדנפאַלס וואָלט אין אונדזער ווינקל דער עיבין געווען צוגעגאַנגען אָביסל שווערער, ווייל מיט אונדזערע ים־מענטשן האָט מען זיך אין אַזעלכע עינינים נישט געקאָנט דערלויבן צו שפּאַסן. אמת, אויך מיר וואָלטן נישט געווען אימ־שטאַנד זיך צו קאָנען אימפּאָנירן קעגן דעם מיליטערישן כוח, אָבער מיר זיינען

געווען פעסט אַנטשלאָסן עפּעס אָנצוטאָן די גאַוּוהדיקע סוביעקטן פון דער „קענעדע", וואָס זיי זאָלן נישט אַזוי לייכט פאַרגעסן.

וואָס מיך האָט צום מײנסטן געחידושט איז געווען דאָס, וואָס אונדזערע פאַר־זאַמלונגען אויף דער שיף זײנען ביז איצט קײנמאָל נישט געשטערט געוואָרן. נאָך מײן ערשטן רעפעראַט האָב איך געהאַלטן אַ סעריע לעקציעס וועגן דעם מהות און דער אַנטוויקלונג פונעם נאַציאָנאַליזם, וועלכע האָבן געמאַכט אַ טיפן אײנדרוק אויף מײנע צוהערער און איז נאָך אויך שפּעטער במשך פון אַ סך וואָכן כסדר אַרומגערעדט געוואָרן אין דער רויכער־קאַבינע. בשעת מײן דריטן רעפעראַט איז פאָרגעקומען אַ פּרײלעכער צווישנפאַל. בשעת איך האָב געהאַלטן אינמיטן רעדן, איז אין זאַל פּלוצים אַרײנגעקומען אַן ענגלישער קאָרפּאָראַל, אַן אַלטער מאַן און אַ האַרציקע, טײערע נשמה, ווּעמען מײנע מיטגעפאַנגענע האָבן אַלע גערופן דאַד (פאָטער). ער איז, קענטיק, איבערראַשט געוואָרן צו טרעפן דאָ אַ פאַרזאַמלונג, אָבער צוויי פון אונדזערע חברים, וועלכע זײנען געשטאַנען ביי דער טיר, און געהאַלטן וואַך, האָבן אים פאַרזיכערט, אַז עס האַנדלט זיך דאָ בלויז וועגן אַ „ביבל־שעה". ער האָט פרײנטלעך געשמײכלט און געזאָגט, אַז אין אַזאַ שווערער צייט איז די רעליגיע דעם מענטשנס אײנציקע טרייסט. דערנאָך איז ער שטילערהייט אַוועק, נאָכדעם ווי מ׳האָט אים, ווי געוויינלעך, אַרײנגעשטופּט אײניקע ציגאַרן אין דער האַנט.

שפּעטער האָב איך נאָך געהאַלטן אַ גאַנצע ריי רעפעראַטן וועגן די פאַרשידענע ריכטונגען אינעם סאָציאַליזם, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג און גע־פירט צו לעבעדיקע וויכוחים. אונדזערע פאַרזאַמלונגען זײנען תמיד געווען גוט באַזוכט. לכתחילה זײנען געקומען כימעט בלויז מענטשן, וואָס האָבן באַלאַנגט צום אַרבעטער־קלאַס; שפּעטער אָבער זײנען אויך רעגלמעסיק געקומען אַ גאַנצע ריי אינטעלעקטואַלן, וועלכע האָבן זיך געפילט שטאַרק אָנגערעגט פון מײנע רעפּעראַטן. דורך דער פאַרמיטלונג פון מײנע פרײנט פון דרויסן האָט זיך מיר אײנ־געגעבן אַריבערצוברענגען אויף דער שיף אַלץ, וואָס מ׳האָט נאָר געקאָנט באַקומען אין לאָנדאָן פון די דײטשע אויסגאַבעס פון די ווערק פון קראָפּאָטקין, רעקלו, לאַנ־דאַוער אאַ״וו. און קײנמאָל זײנען ביכער נישט אויסגענוצט און פאַרווענדט געוואָרן בעסער ווי ביי אונדז אויף דער שיף.

ס׳איז געווען אין די לעצטע טעג פון אַפּריל, ווען קאַרל מויעל, וועלכער איז, ווי אַ ליניע־קאַפּיטאַן, געווען דער פאַרוואַלטער פון די עסצימערן, האָט מיר ביי־געבראַכט אין אונדזער קאַיוטע איבערגעגעבן אַ זייער אינטערעסאַנטע געשיכטע. ער האָט יענעם טאָג געהאַט אַ שמועס מיטן שעף פון די ליניע־קאַפּיטאַנען, אַ געוויסער הער ראַציער, וועלכער האָט אים דערציילט, אַז נאָך דער דערלײדיקונג פון די אַלגעמײנע פאַרוואַלטונגס־עינינים האָט אים דער אַדיוטאַנט פּלוצים אַ פרעג געטאָן: „קאָנט איר צווישן אײערע מיטגעפאַנגענע אײנעם אַ געוויסן ראָקער?" ווען ראַציען האָט געענטפערט, אַז יאָ, האָט אים דער אַדיוטאַנט ווײטער געפרעגט: „און וואָס האַלט איר וועגן אָט־דעמדאָזיקן מענטשן?" ראַציער האָט אים דערקלערט, אַז ער קען מיך

בלויז פון זען, אָבער קיינמאָל נישט אויסגערעדט קיין וואָרט מיט מיר. אין אַלגע־מיין אָבער האָט ער גאָרנישט וואָס צו זאָגן קעגן מיר; אגב איז אים באַקאַנט, אַז איך בין שטאַרק באַליבט צווישן אַ סך פון מיינע מיטגעפאַנגענע.

דער אַדיוטאַנט האָט אַ ווײַלע געשוויגן און נאָכדעם אַ פרעג־געטאָן ראַציערן, צי ער ווייסט וועגן דעם, אַז פון זינט חדשים שוין, ווי איך האַלט רעגלמעסיקע רעפעראַטן. ראַציער האָט אים געענטפערט, אַז אַזעלכעס איז אים לגמרי נישט באַ־קאַנט, הגם ער ווייסט, אַז איך טרעף זיך יעדן אָוונט מיט אַ געוויסער צאָל געפאַנ־גענע אין דער רויכער־קאַבינע, ווו ס׳ווערט גערעדט וועגן אַלערליי עניינים, אָבער אַז דאָס קאָן נישט באַטראַכט ווערן ווי רעפעראַטן.

האָט דער אַדיוטאַנט אַרויסגענומען פון אַ שופלאַד אַ בריוו און אים איבער־געגעבן ראַציערן מיט אָט־די ווערטער: „נו, לייענט איר אַליין!". ס׳איז געווען אַ פאָרמעלע מסירה, אָן אַן אונטערשריפט, נאַטירלעך, אין וועלכער ס׳איז מיטגעטיילט געוואָרן דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג, אַז איך האַלט־אָפּ געהיימע פאַרזאַמלונ־גען און פיר־אָן אַן אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

ווען ראַציער האָט אומגעקערט דעם אַדיוטאַנט דעם בריוו, האָט ער געזאָגט:

„אין די לעצטע וואָכן האָב איך שוין באַקומען זעקס אָדער זיבן אַזעלכע בריוו, אָבער קיינער פון די בריוו־שרייבער האָט נישט געהאַט דעם מוט אַרויסצושטעלן זיך מיט זיין נאָמען פאַר זיין וואָרט. דאָס זעט בײַ מיר אויס פשוט נעבעכדיק. איך ווייס, אַז ראָקער איז אַן אַנאַרכיסט; איך האָב שוין עטלעכע מאָל גערעדט מיט אים און ער האָט קיינמאָל נישט געפּרוּווט באַהאַלטן זיינע אידעען. ווען איך זע די האַנדלונג פון מענטשן, וועלכע זוכן אויף אַזאַ עקלהאַפטן אופן הינטנאַרום צו טרעפן איינעם פון זייערע מיטגעפאַנגענע, בין איך כימעט גענייגט צו גלייבן, אַז ראָקער איז דער איינציקער מאַן אין זייער קרייז".

דערמיט איז דער שמועס געווען געענדיקט. אָט־די ידיעה האָט מיך לגמרי נישט איבערגעראַשט. איך האָב זינט מיין אויפהאַלט דאָ זיך באַקענט מיט אַ גאַנץ היפּשע צאָל מענטשן, וועלכע זיינען פעיק געווען צו באַגיין יעדע געמיינהייט אין זייער בלינדער שינאה קעגן יעדער פרייהייטלעכער באַוועגונג. אונדזערע פאַרזאַמלונגען זיינען שוין לאַנג נישט געווען קיין סוד; דאָס איז דאָך אייגנטלעך בײַ אַזאַ ענגן צוזאַמענלעבן אויך נישט מעגלעך געווען. דאָ איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס מיר האָבן דעם זאָל מיט די פערציק בעטן נישט געקאָנט באַנוצן מער, מחמת דאָרט האָט זיך פאַרקליבן אַ קאָמפּאַניע קאָרטנשפּילער, וועלכע האָט דאָרט יעדע נאַכט אויסגעלאָדנט איר לײַדנשאַפט. האָבן אונדזערע חברים אויסגעפונען אַן אַנדערן זאַל, וועלכע איז טאַקע געווען באַקוועמער ווי יענער, אָבער אומזיכערער. דאָס איז געווען דער פאָדערשטער זאַל פון אונדזער פּאָסט־ביוראָ, אין וועלכן ס׳האָבן געקאָנט אַריין בערך 150 מענטשן. ס׳איז אָבער, צום באַדויערן, נישט געווען מעגלעך צו פאַרהיטן, אַז דאָרט זאָלן נישט אַריינקומען אַזעלכע מענטשן, וועלכע האָבן נישט באַלאַנגט צו די געוויינלעכע באַזוכער. בײַ אַזעלכע אומשטענדן האָט מען זיך שטענדיק געמוזט ריכטן אויף אַן איבעררראַשונג.

איצט, ווען איך בין געוויר געוואָרן, אַז דער אַדיוטאַנט איז שוין גוט אײַנ־פּאַרמירט וועגן מײַן אַקטיוויטעט, האָב איך זיך מיישב געווען מיט זיך אַליין, וואָס איך זאָל טאָן. זיכער האָט ער זיך אויפגעפירט אויסגעצייכנט לגבי דער מסירה. זײַן געפּיל פון רעכטפאַרטיקייט האָט אים דיקטירט, נישט צו רעאַגירן אויף אַנאָ־נימע מסירות, אָבער דאָס האָט נישט געוואָלט זאָגן, אַז ער וועט זיך אין דער צוקונפט נישט צוקוקן ערנסטער צו אונדזער אַקטיוויטעט. אָבער נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת איז ביי מיר געבליבן ווייטער אָנצוגיין מיט מײַנע רעפעראַטן און לאָזן אַלעס אויף גאָטס באַראַט. און ביכדי זיך צו שטעלן פּנים אל פּנים קעגן די מוסרים, האָבן מיר באַשלאָסן דעם 1טן מאַי צו אַראַנזשירן אַ פאַרמעלן יום־טוב. און טאַקע אין דעמדאָזיקן טאָג, אינדערפרי באַלד, האָבן די רויטע בענדלעך, וואָס הונדערטער פון אונדזערע מיטגעפאַנגענע האָבן זיך געהאַט אַריינגעשטעקט אין לאַץ, אַרויס־גערופן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. שפּעט נאָמיטיק האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ פאַר־זאַמלונג, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט געהעריקע רעציטאַציעס. איך אַליין האָב נאָכדעם גערעדט וועגן דעם באַדייט פונעם 1טן מאַי און דערביי נאַטירלעך נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו וואַרפן דאָס ריכטיקע ליכט אויפן אָרגאַני־זירטן פעלקער־מאָרד, וועלכער האָט פונקט דעמאָלט געהאַלטן אין חרוב מאַכן אייראָפּע און צעגטלען איר באַפעלקערונג. צום סוף איז געזונגען געווען דער „אינטערנאַציאָנאַל" און מאָסטס „פּראָלעטאַריער־ליד", פון וואָס אונדזערע פּאַטריאָטן זײַנען געווען אויסער זיך פון כעס.

בעת איך האָב גערעדט, האָבן אייניקע פון מײַנע פרײַנט באַאָבאַכט אַ געוויסן הער קאָרן, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, שטאַרק פאַרטאָן אין מאַכן פאַרצייכענונגען. דער־אָ הער איז געקומען צו אונדז צוזאַמען מיט די „קענעדע"־לײַט און ביי אונדז געשפּילט די ראָל פון אַ זונטיק־פּרעדיקער, אין אָט־דעם מענטשן איז געווען פאַרקערפּערט די גאַנצע היפּאָקריטסטווע אין איר אָפּשטויסנדיקסטער גע־שטאַלט. הגם ער האָט זיך תמיד געוואָרפן מיט דערהויבענע, לייטזעליקע פּסוקים, האָט אָבער דער צבועק אַרויסגעקוקט פון יעדער מינע זײַנער. אפילו דער בלויזער אויסדרוק פון זײַן פּנים האָט באַלד אויפן ערשטן בליק געגעבן אָנצוהערן, מיט וואָס פאַראַ פאַרשוין מ'האָט דאָ צו טאָן.

אין זײַנע קלעגלעכע זונטיקדיקע דרשות האָט מיך דער הער קאָרן שוין נישט איינמאָל געהאַט שאַרף אָנגעגריפן. וועלכעס איך האָב זיך, אגב, נישט גענו־מען צום האַרצן. אָבער מײַן ערשטע מאַי־רעדע האָט אים, ווייזט־אויס, שטאַרק פאַרדראָסן, ווייל ער האָט זיך מיט איר פאַרנומען אין אַ ספּעציעלער דרשה. אײַנ־איינוועגס האָט ער אויך אויסגעדריקט זײַן פאַרוווּנדערונג, וואָס די ענגלישע פּונק־ציאָנאַרן שטעלן נישט אָפּ אָט־די „סיסטעמאַטישע העצעס פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן און מענטשן, וועלכע פאַרגעסן זייער פליכט", אַן אויסדרוק, וואָס האָט לכל הדעות געגעבן אַ מאָטיוו פאַר אַ געוויסן חשד לגבי אים.

אייניקע טעג נאָך אונדזער מאַי־יום־טוב איז געקומען צו מיר איינער פון אונדזערע חברים, אַ געוויסער לעפּש, און מיך, אַ טרויעריקער, געפרעגט, צי איך

האָב שוין געליינט די לעצטע אויפשריפט אויף דער שוואַרצער טאָוול. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז ניין, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן אַ נייעם באַפעל פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג, לויט וועלכער עס ווערן שטרענג פאַרווערט אַלערליי פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן אד"גל. און אַז דאָס עובר זיין אויף אָט־דעם פאַרבאָט וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן. אגב האָט לעפש תיכף צוגע־געבן, אַז אָט־דער נייער באַפעל איז פון אונדזערע פּאַטריאָטן אויפגענומען געוואָרן מיט גרויסער צופרידנהייט, מחמת איצט וועט קומען אַ סוף צו די מעשים פון די „רויטע".

נאָכדעם ווי איך האָב זיך פּערזענלעך איבערצייגט, אַז דאָ איז נישט מעגלעך קיין שום טעות, האָב איך גענומען דעם עינין גאַנץ ערנסט און וועגן אים שטאַרק נאָכגעטראַכט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ביי אָט־די אומשטענדן איז נאַטירלעך אוממעגלעך און אויסגעשלאָסן אָנצוגיין ווייטער מיט די פאַרזאַמלונגען. ס'איז מיר אָבער נישט אָנגעשטאַנען, אַז נעבעכדיקע און קליינלעכע מוסרים און פּחדנים זאָלן זיך קאָנען באַרימען מיט אַזאַ לייכטן ניצחון. און ווען אפילו איך האָב נישט גע־גלייבט, אַז ס'קאָן פון דעם עפּעס אַרויסקומען, האָב איך אָנגעמאַכט ביי זיך צו רעדן פּערזענלעך מיטן אַדיוטאַנט. לויט דער פאַרשריפט האָב איך אים אָנגעשריבן עטלעכע שורות און געבעטן אַ זעונג מיט אים. און באַלד אויף צומאָרגנס בין איך פאַרבעטן געוואָרן צו אים. דער אַדיוטאַנט איז געווען אין זיין ביוראָ צוזאַמען מיטן סעקרעטאַר און ער האָט מיך העפלעך געפרעגט, וואָס ס'איז מיין באַגער.

— איך האָב געזען אייער פאַראָרדענונג וועגן די פאַרזאַמלונגען און רעפע־ראַטן, — האָב איך געזאָגט, — און איך וואָלט אייך געוואָלט בעטן, אַז איר זאָלט מיך אויסהערן אַ רגעלע.

ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און איך האָב גערעדט ווייטער:

— ראשית־כל וויל איך זיך אָפן מודה זיין פאַר אייך, אַז שוין זינט חדשים ווי איך האָב געגעבן רעפעראַטן פאַר מיינע מיטגעפאַנגענע. איך האָב אייך וועגן דעם נישט געלאָזט וויסן, ווייל איך האָב אינערגעץ נישט געזען, אַז מ'דאַרף פאַר דעם האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. אגב וואָלטן מיינע רעפעראַטן, אין וועלכע איך האָב זיך פאַרנומען אויסשליסלעך מיט ליטעראַרישע און סאָציאַל־פילאָזאָפישע פראַגעס, מיסתמא נישט געווען אַרויסגערופן אייער קעגנערשאַפט. איך בין זיך מודה, אַז מיינע רעפעראַטן זיינען געווען פון אַן אַנדער מין ווי, למשל, די זונטיקדיקע דרשות פונעם הער קאָרן. אָבער היות מיר זיינען דאָך דאָ נישט אינטערנירט צוליב אונ־דזערע מיינונגען, נייערט צוליב דעם, וואָס מיר זיינען דייטשן, בין איך כימעט זיכער, אַז ס'איז נישט אייער כוונה צוצונעמען ביי איינעם דאָס, וואָס איז באַוויליקט פאַרן אַנדערן. איך מיין, אַז איך פאַרלאַנג נישט צופיל, ווען איך האָף, אַז איר וועט אונדז אַלעמען מעסטן מיט דערזעלביקער מאָס. פאַר מיר פּערזענלעך האָט דער עינין נישט קיין גרויסן באַדייט; אָבער איך ווייס, אַז פאַר אַ סך פון מיינע חברים בצרה זיינען מיינע רעפעראַטן אַן אָנגעלייגטע און אָנגענעמע אָפּוועקסלונג אין דער האָפענונגסלאָזער מאָנאָטאָנקייט פון זייער איצטיקן לעבן דאָ. צוליב אָט־די

טעמים וואָלט איך אייך געוואָלט בעטן אויך אויף ווייטער נישט צו לייגן קיין שטרויכלונגען אויפן וועג פון מיין באַשיידענער אַקטיוויטעט.

די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב גערעדט, האָט ער פון מיר קיין אויג נישט אַראָפּגענומען און דערנאָך געזאָגט צו מיר מיט אַ לייכטער איראָניע:

— אייערע לאַנדסלייט האָבן שוין באַצייטנס געזאָרגט פאַר דעם, אַז איך זאָל זיך דערוויסן וועגן אייערע רעפעראַטן.

איך האָב בלויז אַ טרייסל־געטאָן מיט די אַקסלען און געשוויגן. האָט ער ווייטער גערעדט:

— אַזוי ווי איך האָב ביז איצט נישט באַמערקט, אַז אייערע רעפעראַטן זאָלן געווען האָבן געשטערט די אָרדענונג אויף דער שיף, האָב איך זיך דערמיט נישט פאַרנומען. איך האָב אויך איצט גאָרנישט וואָס איינצווווענדן, בתנאי, אויב איר פערזענלעך זענט גרייט צו נעמען אויף זיך די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די מעגלעכע קאָנסעקווענצן.

— איך בין גערן גרייט פאַר דעם — האָב איך געזאָגט.

— אויב אַזוי, איז גוט, — האָט ער געזאָגט. — גייט, זייט אַזוי גוט, צום צענזאָר און זאָגט אים, אַז איך האָב באַוויליקט אייערע רעפעראַטן.

איך האָב אים געדאַנקט און געוואָלט פאַרלאָזן דאָס צימער. אָבער ער האָט מיך אָפּגעשטעלט און אַ פרעג־געטאָן:

— וואָס פאַר אַ קערפּערשאַפט איז דאָס די „ראָקער רעליס קאָמיטע"?

איך האָב אים דערקלערט, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן אַזאַ מין פאַרבאַנד פון פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלערליי ריכטונגען, וועלכע ווילן אויספועלן מיין באַפרייונג.

— און צי גלויבט איר טאַקע, אַז מ'וועט אייך באַפרייען? — האָט ער געפרעגט מיט אַ שמייכל.

— איך אַליין גלויב נישט אין דעם, — האָב איך געענטפערט רואיק, — אָבער מיינע פריינט אינדרויסן האָבן וועגן דעם אַן אַנדערע מיינונג.

— נו, — האָט ער געזאָגט אויפגעלייגט, — אויב איר אַליין גלויבט נישט אין דעם, וועט איר דאָך נישט קאָנען אַנטוישט ווערן. איך האָב אייך געפרעגט וועגן דעם, ווייל צוויי פערזאָן פון אָט־דעם קאָמיטעט ווילן אייך באַזוכן. איך וועל זיי צושיקן די דערלויבעניש.

נאָכדעם ווי איך האָב געלאָזט וויסן דעם צענזאָר, אַז דער אַדיוטאַנט האָט באַוויליקט מיינע רעפעראַטן, בין איך אַוועק אויפן דעק, ווו אַ סך פון מיינע חברים האָבן שוין מיט גרויס אומגעדולדיקייט געוואַרט אויף מיר. איך האָב זיי איבערגעגעבן אין קורצן דעם רעזולטאַט פון מיין שמועס מיטן אַדיוטאַנט און זיי געבעטן בשום אופן קיינעם גאָרנישט זאָגן וועגן דעם, נאָר זיך נוהג זיין ווי ביז איצט און פאַרבעטן דיזעלביקע מענטשן צו דער קומענדיקער פאַרזאַמלונג, גלייך ווי ס'וואָלט גאָרנישט געווען פּאַסירט. ווען מ'איז אין דער אַנדערער מחנה געוווירגעוואָרן, אַז די

„רויטע" זיינען אַנטשלאָסן אויך ווייטער אָנצוגיין מיט זייערע פאַרזאַמלונגען, נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט, האָט עס ביי זיי אַרויסגערופן אַ גרויס געדודער.

איך אַליין בין געווען איבערצייגט, אַז ווי אַ פועל־יוצא פונעם פאַרבאָט וועט די פאַרזאַמלונג זיין שוואַך באַזוכט. איך האָב אָבער געהאַט אַ טעות. דער זאַל איז געווען פונקט אַזוי שטאַרק אויסגעפילט ווי תמיד. חוץ דעם איז דער פּאַסאַזש, וועלכער האָט צוגעפירט צו אונדזער באַהעלטעניש, דאָסמאָל געווען באַזעצט פון אַ געוויסער צאָל מענטשן, וועלכע זיינען פריער קיינמאָל נישט געקומען צו אונדזערע פאַרזאַמלונגען. דאָס, וואָס אויך דער הער קאַרן איז געווען צווישן זיי, האָט אונדז בולט באַוויזן, אַז נאָר די נייגעריקייט האָט זיי אַהערגעבראַכט, מחמת זיי האָבן, קענטיק, נישט געוואָלט פאַרלירן די געלעגנהייט צו זען די סצענע, ווי ס'וועלן אָנקומען ענגלישע זעלנער און אונדז אַלעמען פאַרנעמען. אָבער אָט־די פּראָפּעסיאַ־נעלע ווייכהאַרציקע נשמות האָבן דאָס מאָל געמאַכט דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס. איך האָב יענעם אָוונט גערעדט אויף דער טעמע „קראָפּאָטקין און דער סאָציאַלער דאַרוויניזם" און מיין רעפעראָט דערפירט ביז צום רואיקן סוף. די פיינע לייט אינעם פּאַסאַזש זיינען אומרואיק געוואָרן, מחמת ס'איז ביי זיי אויסגעקומען, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג.

ווען איך האָב שוין געהאַט פאַרענטפערט די לעצטע פראַגע, וואָס איז מיר נאָכן רעפעראָט געשטעלט געוואָרן און מיינע צוהערער האָבן זיך געקליבן אַוועקצו־גיין, האָב איך נאָכאַמאָל גענומען דאָס וואָרט און געזאָגט:

„נאָך איין רעגעלע, מיינע הערן; איך האָב נאָך אַ קליינע ידיעה פאַר אייך, וועלכע וועט אייך זיכער אינטערעסירן. איר אַלע האָט דאָך מיסתמא געלייענט דעם באַפעל פון דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג; איך ווייס אויך, אַז נישט איינער פון צווישן אונדז דאָ האָט מיט אַן אינערלעכער פרייד באַגריסט אָט־דעם פאַרבאָט, וואָרום ס'איז אין געוויסע קרייזן נישט קליין די צאָל פון יענע, וועלכע גלייבן, אַז מ'קאָן און מ'דאַרף דורך פאַרבאָטן מאַכן שוויגן אידעען און איבערצייגונגען, וועלכע זיינען זיי נישט צום האַרצן. נאָך מער: איך בין אפילו אימשטאַנד אייך צו לאָזן וויסן, אַז אָט־די פאַראָרדענונג וועגן אונדזערע פאַרזאַמלונגען וואָלט קיינמאָל נישט געווען אַרויסגעגעבן געוואָרן, ווען נישט אייניקע גאָר שטאַרק אײדעלע נשמות פון צווישן אונדז, וועלכע האָבן דורך אַנאָנימע בריוו אונדז פאַרמסרט פאַר דער קאָמאַנדאַטור וועגן אונדזערע צונויפטרעפן. דאָס, וואָס דידאָזיקע לייט, פון וועלכע נישט איינער לייגט זיך יעדע נאַכט שלאָפן מיט אַ „גאָט שטראָפע ענגלאַנד" אויף די ליפּן, האָבן נישט געהאַט קיין אָפּהאַלט צו פאַרמסרן אויף אַזאַ נידערטרעכטיקן אופן זייערע איי־גענע לאַנדסלייט פאַר דיזעלביקע ענגלענדער, אָט־דאָס אַליין איז אַזאַ אויסגעצייכנטער כאַראַקטערשטריך זייערער, וועגן וועלכן איר מעגט זיך פאַרגינען אַליין צו פאַרטראַכטן און אַליין שאַפן אַ מיינונג. אָבער אויך אָט־דער אויפפיר זייערער האָט אַרויסגעגעבן זיינע פירות. אויב ביז איצט האָבן מיר געקאָנט דורכפירן אונדזערע פאַרזאַמלונגען בלויז בסוד, זיינען מיר איצט אין דער לאַגע זיי דורכצופירן פריי און עפנטלעך, וויל אויף מיין פערזענלעכער ווענדונג האָט דער אדיוטאַנט באַוויליקט

מיינע רעפעראַטן. מיר האָבן, בכן, אַלע סיבות צו זיין צופרידן מיטן רעזולטאַט און איך ווינטש אייך איצט אַלעמען א זייער גוטע נאַכט״.

פונעם פּאַסאַזש האָט מען איצט געהערט דעם גערויש פון שריט, וועלכע האָבן זיך געאיילט וואָס גיכער צו אַנטלויפן. די פיינע לייט האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז פאַר זיי לוינבאַר וואָס פריער נעלם צו ווערן פון דאַנען. די באַזוכער פון דער פאַר־זאַמלונג האָבן אויפגענומען מיינע ווערטער מיט א נישט פאַרהוילענער פרייד. אַזוי אַרום האָט אָט־די מיאוסע געשיכטע באַקומען אַזאַ ווענדונג, וואָס אויף קיין בעסערער האָבן מיר זיך גאַרנישט געקאָנט ריכטן.

אינצווישן איז אינדרויסן, אין דער באַוועגונג פאַר מיין באַפרייונג, פאָרגעקומען אַזאַ ווענד, וועלכער האָט דייטלעך אָנגעוויזן, אַז יעדער פּרווו אין אָט־דער ריכטונג וועט מוזן זיין א דורכפאַל. ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, האָבן באַלד נאָך מיין אַרעסט וו. א. אַפּעלטאָן, דער סעקרעטאַר פון דער אַלגעמיינער פעדעראַציע פון די ענגלישע טריידיוניאָנס, און דזשיימס אָ׳גריידי, דער פּאַרלאַמענטאַרישער פאַר־טרעטער פון לידז, וועלכע האָבן מיר פּערזענלעך געקענט, זיך געווענדט צום „האָום״־סעקרעטאַר דורך אַ בריוו, אין וועלכן זיי האָבן זיך ערנסט אַרויסגעשטעלט פאַר מיין באַפרייונג און זיך אויך אָנגעגעבן ווי ערובניקעס פאַר מיר. חוץ דעם האָבן מיינע אַלטע פריינט פּיאָטר קראָפּאָטקין און דזשאָן טוירנער, דער גענעראַלסעקרעטאַר פון דער „נעשאָנעל יוניאָן אָף שאָפּ אַסיסטענטס, ווערהאַוזמען ענד קלוירקס״, געשיקט ספּעציעלע בריוו צום הער אַפּעלטאָן און אים געבעטן נישט דורכצולאָזן קיין שום מיטל, ביכדי אויסצופועלן מיין באַפרייונג. הער אַפּעלטאָן האָט טאַקע געטאָן אַלעס, וואָס איז געווען אין זיינע כוחות און ס׳איז זיכער נישט געווען זיין שולד, וואָס זיינע באַמיונגען האָבן נישט געבראַכט דעם דערוואַרטן רעזולטאַט.

גלייך נאָכדעם האָט מר. דזש. אָ׳גריידי באַקומען אָט אַזאַ בריוול פון אינערן־מיניסטעריום פון 11טן דעצעמבער 1914:

„זייער חשובער הער: דער אינערנמיניסטער בעט, אַז איך זאָל אייך באַ־שטעטיקן דעם דערהאַלט פונעם בריוו, וועלכער איז אונטערגעשריבן פון אייך און מר. אַפּעלטאָן, וועגן דעם פאַל רודאָלף ראָקער און אייך לאָזן וויסן, אַז ער וועט אין דער פראַגע לאָזן מאַכן אַן אונטערזוכונג. אויב מר. ראָקער איז אינטערנירט געוואָרן ווי אַ קריגס־געפאַנגענער, ליגט די אַנטשיידונג וועגן זיין באַפרייונג אין די הענט פון די מיליטערישע באַאַמטע. אָבער מר. מעקענאַ וועט זיך מיישב זיין, צי דער פאַל איז אַזעלכער, וואָס דערלויבט אים זיך אַריינצומישן און זיי צושטעלן א רעקאָמענ־דאַציע.

אייער איבערגעגעבענער ל. נ. א. פינלעי״.

נאָכדעם איז אַריבער א גאַנצער חודש צייט, ביז מר. אַפּעלטאָן האָט באַקומען אַן ענטפער פון אינערן־מיניסטעריום, דאַטירט דעם 26סטן יאַנואַר 1915:

„טייערער הער אַפּעלטאָן: איך האָב געמאַכט אַן אונטערזוכונג וועגן ה׳ רודאָלף ראָקער און עס ווערט מיר מיטגעטיילט, אַז נאָך א זייער פאָרזיכטיקער באַטראַכטונג

באַדויערן די מיליטערישע אויטאָריטעטן, וואָס זיי זײַנען נישט אימשטאַנד צו דער־
לויבן, אַז מ׳זאָל אים באַפרייען פון דער אינטערנירונג.

אייער זייער איבערגעגעבענער **ר. מעקענאַ״.**

**איך בין לחלוטין נישט געווען איבעראַשט פון אַט־דעם רעזולטאַט, וועלכן איך האָב דאָך אייגנטלעך פאָרויסגעזען. די פּאָליטישע פּאָליציי איז געווען גוט באַקאַנט מיט מיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט און זי האָט געוווּסט, אַז זי קאָן מיך נישט חושד זיין ווי „דעם קייזערס אַן אַגענט״. אָבער זי האָט אויך געוווּסט וועגן מיין אידעאָ־לאָגיע און מיין קעגנערשאַפט צום קריג, פון וועלכן איך האָב קיינמאָל נישט געמאַכט קיין סוד. איך בין דעריבער געווען זיכער ביי זיך, אַז איך האָב נישט קיין האָפענונג צו קאָנען באַפרייט ווערן איידער די מילחמה וועט זיך ענדיקן. מיינע פריינט אין דרויסן האָבן אָבער געהאַט אַן אַנדערע מיינונג און נישט געקוקט אויף מיין קעג־נערשאַפט, האָבן זיי נישט געוואָלט אָפּלאָזן דערפון און ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זייערע באַמיונגען. אַזוי אַרום זיינען זיך צונויפגעקומען אויף איסט־ענד פיראונ־צוואַנציק פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און פאַרטרעטער פון אַלע סאָציאַליסטישע ריכ־טונגען און געשאַפן דעם אַזויגערופענעם „ראָקער־באַפרייונגס־קאָמיטעט״ צו אַרבעטן פאַר מיין באַפרייונג.**

**אַט־די קערפּערשאַפט האָט לכתחילה באַשלאָסן אָנצוהייבן מיט אַ מאַסנפּעטיציע צו דער ענגלישער רעגירונג. און אַזוי ווי צוליב מיין לאַנגיעריקער טעטיקייט בין איך געווען באַקאַנט אין ברייטע קרייזן, איז אַט־די פּעטיציע אונטערגעשריבן גע־וואָרן פון אַ סך טויזנטער פּערזאָנען, און פונדעסטוועגן איז דערמיט נישט דער־גרייכט געוואָרן קיין שום רעזולטאַט. האָט איצט דער קאָמיטעט באַשלאָסן דורכ־צופירן אַ גרויסן פּראָטעסט־מיטינג און פאַר דעם צוועק צו פאַרבעטן רעדנער פון אַלע ריכטונגען פון דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג. איבער אַט־דער אונטער־נעמונג האָט אָבער פון אָנהויב אָן געשוועבט אַ שלעכט מזל. דער מיטינג האָט, פאַר־שטייט זיך, געדאַרפט פאָרקומען אין לאָנדאָנער איסט־ענד. אַזוי ווי אָבער אַלע גרויסע זאַלן, וועלכע האָבן געקאָנט זיין פּאַסיק פאַר אַזאַ גרויסן מיטינג, זיינען שוין געווען פאַרדונגען אויף אַ סך חדשים פאָרויס, זיינען באַלד אַנטשטאַנען גרויסע שוועריג־קייטן. און ווען דער קאָמיטעט האָט, לסוף, באַוויזן צו באַקומען דעם ריזיקן זאַל „מייל ענד עמפּייר״ אויפן 4טן אַפּריל, האָט ער קוים געהאַט נישט מער ווי אַ וואָך צייט צו לאָזן וויסן וועגן דעם די רעדנער און אויך דער עפנטלעכקייט. ס׳האָט זיך אויך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז אייניקע רעדנער, אין וועלכע מ׳האָט געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס, ווייל זיי זיינען געווען צום וויכטיקסטן פאַר די באַריכטן אין די צייטונגען, האָבן זיך אינצווישנצייט מתחייב געווען צו זיין אויף אַנדערע פּלע־צער. אַזוי, למשל, האָבן ראַמזי מעקדאָנאַלד און קעיר האַרדי געדאַרפט רעדן דעמ־זעלביקן אָוונט ביי אַ מאַסנמיטינג אין נאָרוויטש, וועלכער איז געווען צוגעגרייט מיט אַ סך וואָכן פריער. ביידע האָבן פאַרזיכערט דעם קאָמיטעט זייער בעסטע סימפּאַטיע און צוגעשיקט באַגריסונגען, וועלכע האָבן געדאַרפט געלייענט ווערן אויפן מיטינג.**

דאָס נעמלעכע האָט פּאַסירט דעם קאָמיטעט מיט אייניקע אַנדערע רעדנער. איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה ווי אָנצונעמען דעם זייער פּאַרנונפטיקן באַשלוס אָפּצו־לייגן דעם מיטינג אויף אַ פּאַסיקערער צייט. אָבער צו דעם איז עס שוין נישט געקו־מען. דאָס זינקען די „לוזיטאַניאַ“ דורך אַ דייטשן אונטערוואַסערשיפל דעם 7טן מאַי האָט געשאַפן אַזאַ שטימונג, אַז מ'האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון ווייטערדיקע פּרוון.

דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעשיקט פאַרבעטונגען צו בערך פופצן אָדער צוואַנ־ציק רעדנער פון די פאַרשידנדיקסטע ריכטונגען אין דער ענגלישער אַרבעטערבאַ־וועגונג, אַז זיי זאָלן רעדן אויפן פּראָיעקטירטן מיטינג. פון זיי האָט דער רוב צוגע־זאָגט זיין גרייטקייט זיך צו באַטייליקן, בעת אַנדערע, וועלכע זיינען שוין געווען פאַרנומען ערגעץ אַנדערש, האָבן צוגעשיקט אַ שריפטלעכן סימפּאַטיע־אויסדרוק צום קאָמ־טעט און צו זיין אַרבעט. בלויז איין איינציקער אויסנאָם איז געווען. דאָס איז געווען דער הער ה. מ. היינדמאַן, דער פאָרשטייער פון די מאַרקסיסטן אין ענגלאַנד. ער האָט דעם 25טן מערץ 1915, געהאַלטן פאַר נייטיק צו שיקן צום סעקרעטאַר פונעם קאָמיטעט אָט־אַזאַ בריוו:

„זייער חשובער הער: איך זע נישט איין, ווי אַזוי איך זאָל קאָנען זיך באַ־טייליקן אינעם מיטינג פונעם „ראָקער־באַפרייונגס־קאָמיטעט“, אויב איך וועל נישט האָבן פ י ל מ ע ר אינפאָרמאַציע ווי די וואָס איך האָב באַקומען צוזאַמען מיט דער פאַרבעטונג. מיר איז שוין איצט באַקאַנט מער ווי איין פאַל, ווען גאַראַנטי־רער זיינען אָפּגענאַרט געוואָרן. קראָפּאָטקין קאָן ווינסן זייער ווייניק וועגן די פאַר־העלטענישן און איך צווייפל אויך, צי די הערן אַפּעלטאָן און אַ'גריידי זיינען אינדער־אמתן גרייט צו גיין אַזוי ווייט ווי איר פאַרזיכערט אין אייער בריוו. אפשר קאָנט איר מיר לאָזן ווינסן מער פאַקטן.

אייער איבערגעגעבענער ה. מ. היינדמאַן“.

הער היינדמאַן האָט מיך געקענט פּערזענלעך. אין דער צייט פון דער מאָנטכו־איטש־אַפערע אין שפּאַניע פלעג איך זיך אָפט מיט אים צוזאַמענטרעפן און אים כסדר צוגעשטעלט מאַטעריאַלן, וועלכע פלעגן מיר צוגעשיקט ווערן דורך ערנעסטאָ אַלוואַרעס פון מאַדריד. ער האָט געוווסט, אַז איך האָב פאַרלאָזט דייטשלאַנד צוליב פּאָליטישע מאָטיוון און פון זינט אַ סך יאָרן געלעבט אין ענגלאַנד ווי אַ פּאָליטישער פליכטלינג. ס'איז אים אויך געווען גוט באַקאַנט מיין יאָרנלאַנגע טעטיקייט אין לאָנדאָנער יידישן קוואַרטאַל. און דערפאַר האָט געמאַכט אַזאַ מאָדנעם איינדרוק דער גאַנצער טאָן פון זיין בריוו. און אויב איך פּערזענלעך האָב בלויז געקאָנט שאָקלען מיטן קאָפּ וועגן היינדמאַנס אויפפיר, זיינען אָבער מיינע פריינט אויפגעבראַכט געוואָרן צוליב דעם, צו וואָס זיי האָבן, אגב, געהאַט גענוג מאָטיוון, מחמת היינדמאַן האָט זיך נישט געשעמט צו שטעלן אין ספק די דאַטן און פאַרזיכערונגען פונעם קאָמיטעט, צו וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין שום סיבה. מהאַי טעמא האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן נישט צו לאָזן פאַרבייגיין זייבע אָנצוהערענישן אָן אַן ענטפער

**און האָט אים דורכן סעקרעטאר געלאָזט צושיקן אָט־דעם בריוו, וועלכער פאַרדינט פאַרעפנטלעכט צו ווערן, כדי ער זאָל נישט פאַרגעסן ווערן.**

„לאָנדאָן, דעם 2טן אפריל 1915.

„חשובער הער: מיר האָבן באַקומען אייער בריוו פון 25טן מערץ און מיר זיינען גערן גרייט אייך צו געבן געוויסע אינפאָרמאציע וועגן דעם פאַל ראָקער. אָבער מיר מוזן זיך אָפן מודה זיין פאַר אייך, אַז עס קומט אונדז אָן שווער צו באַגרייפן דעם זין פון אייער בריוו. מיר האָבן זיך דאָך נישט געווענדט צו אייך מיט דער בקשה, אַז איר זאָלט זיך אַרויסשטעלן ווי אַ גאַראַנטירער פאַר אונדזער פריינט. במילא איז אייער באַמערקונג, אַז „אייך איז שוין באַקאַנט מער ווי איין פאַל, ווען גאַראַנטירער זיינען אָפּגענאַרט געוואָרן", דאָ לגמרי נישט אויפן ריכטיקן פּלאַץ.

„דאָסזעלביקע מוז אויך געזאָגט ווערן, ווען איר פירט־אויס, אַז „קראָפּאָטקין קאָן זייער ווייניק וויסן וועגן די פאַרהעלטענישן" און אַז איר צווייפלט, „צי די הערן אַפּעלטאָן און אָ'גריידי זיינען אינדערהאמען גרייט צו גיין אַזוי ווייט ווי איר פאָרזיכערט אין אייער בריוו". מיר וואָלטן עס קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר מעגלעך, אַז מען זאָל קאָנען אין אַזוי ווייניק שורות אַריינקוועטשן אַזוי פיל גרונטלאָזע אינסינואַציעס. ווען מיר וואָלטן נישט געהאַט די אַבסאָלוטע זיכערקייט, אַז די הערן אַפּעלטאָן און אָ'גריידי זיינען פּאַקטיש גרייט אַרויסצוטרעטן פאַר אונדזער פריינט ראָקער ווי ערובניקעס, וואָלט עס אונדז זעלבסטפאַרשטענדלעך קיינמאָל נישט געוועהן איינגעפאַלן אָט־דעם פאַקט אַרויסצושטעלן מיט אַ ספּעציעלער באַטאָנונג. עס וואָלט פאַר אייך געוועהן אַ לייכטע זאַך זיך צו איבערצייגן וועגן דער ריכטיקייט פון אונדזערע ידיעות, איידער איר האָט געפּועלט ביי זיך זיי צו שטעלן אין ספק. דער פאַקט איז, אַז די הערן אַפּעלטאָן און אָ'גריידי האָבן נישט נאָר געלאָזט וויסן וועגן זייער גרייטקייט זיך אַרויסצושטעלן מיט זייער גאַראַנטיע פאַר ראָקערן, נייערט זיי האָבן אויך געלאָזט וויסן דעם אינערן־מיניסטער וועגן אָט־דער גרייטקייט זייערער און זיך ביי אים באַמיט פאַר ראָקערס באַפרייונג. ביידע הערן קענען ראָקערן פערזענלעך און זיי ווייסן, אַז מען מעג אים שענקען דעם אַבסאָלוטן צוטרוי.

„ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט אין אונדזער ערשטן בריוו צו אייך, געפינט זיך ראָקער זינט די לעצטע 20 יאָר אין ענגלאַנד און האָט אין משך פון דער גאַנצער צייט גענומען אַ פּראָמינענטן און אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעטערבאַוועגונג, אַזוי אַז זיין נאָמען איז גוט באַקאַנט נישט בלויז צווישן די יידישע אַרבעטער, נאָר אויך אין דער ענגלישער אַרבעטערבאַוועגונג. ראָקער האָט נאָך אין דייטשלאַנד באַלאַנגט צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. פון אָנהויב איז ער געווען אַקטיוו ווי אַ סאָציאַלדעמאָקראַט און שפּעטער איז ער צוגעשטאַנען צו דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, אין וועלכער זיין נאָמען איז אַזוי גוט באַקאַנט ווי אייערער אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער וועלט.

„דער קאָמיטעט, וועלכער אַרבעט איצט פאַר זיין באַפרייונג, איז אַ קערפּערשאַפט, צו וועלכער עס זיינען אָנגעשלאָסן אַלע פּראָפאַריינען פון איסט־ענד, אַלע

אַרבעטערפאַריינען און אנארכיסטישע גרופעס, ווי אויך די יידישע סעקציע פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּארטיי. און די גאנצע קאָנפערענץ איז גרייט צו געבן ערבות פאַר ראָקערן.

„וואָס איז שייך צו קראָפּאָטקינען, האָט איר א טעות, ווען איר מיינט, אז ער קאָן ווייניק וויסן וועגן די פאַרהעלטעניש. קראָפּאָטקין איז זינט די לעצטע ניינצן יאָר ראָקערס א פערזענלעכער פריינט. זינט ראָקערס ארעסט האָט זיך קראָפּאָטקין אָן אויפהער באַמיט פאַר זיין באַפרייונג. אַזוי האָט ער געשריבן צו מר. מעסינגהעם, דעם אַרויסגעבער פון דער „ניישאָן״, בעטנדיק אים, אַז ער זאָל זיך זען מיטן אינערן־מיניסטער און זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר ראָקערן. פאַרן זעלביקן צוועק האָט ער זיך אויך געווענדט צו די הערן דזשאָשיא וועדזשוווד, קאָניגהעם גרעהעם, בען טילעט, און אנדערע. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געלעגן שווער קראַנק, האָט אונדז קראָפּאָטקין געבעטן, אַז מיר זאָלן אים צושיקן אלע פאַרבעטונגסבריוו צו די פאַר־שידענע רעדנער, וועלכע זאָלן אַרויסטרעטן אויפן מיטינג פון 4טן אפּריל, ביכדי אויך ער זאָל אויף זיי קאָנען צוגעבן זיין אונטערשריפט. קראָפּאָטקין איז, בכן, ווי איר זעט, זייער גוט באקאנט מיט די פאַרהעלטענישן און אייער באמערקונג איז, מילד גערעדט, געווען אביסל איבערגעאיילט.

„מיר וואָלטן אייך נאָך געקאָנט אָנרופן א גאנצע שורה גוטבאקאנטע מענער פון דער סאָציאַליסטישער און אַלגעמיינער אַרבעטערבאַוועגונג, וועלכע שטעלן זיך אַרויס און באַמיען זיך פאַר ראָקערס באַפרייונג. אָבער אלע זייערע באַמיונגען האָבן ביז איצט נישט געהאַט קיין הצלחה, ווייל ראָקער האָט קעגן זיך די פּאָליטישע פּאָליציי, ווי דאָס איז, אגב, דער פאַל מיט יעדן ערנסטן רעוואָלוציאָנער. ווען מ׳וואָלט ראָ־קערן אַרעסטירט פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער אידעאָלאָגיע, וואָלט דאָס אונדז מיסתמא נישט איבערגעראַשט. אָבער דאָס, וואָס די פּאָליציי האָט איצט אויסגענוצט די געלעגנהייט אים אומשעדלעך צו מאַכן ווי אַן אַזויגערופענעם „פ ײ נ ט ל ע כ ן א ו י ס ל ע נ ד ע ר״, — אַט קעגן דעם פּראָטעסטירן מיר.

„מיר שרייבן אייך דאָס אלעס נישט ווייל מי־ האָבן די כוונה אייך צו באַוועגן, אַז איר זאָלט זיך דווקא באַטייליקן אין אונדזער פּראָטעסטמיטינג — דערפון קאָן דאָך נאָך אייער בריוו צו אונדז מיסתמא שוין נישט זיין קיין רייד, — נייערט אייך פשוט צו באַווייזן, אַז אייער איבערגעאיילטע מיינונג איז דיקטירט געוואָרן פון טעותדיקע השערות״.

אין נאָמען פונעם ראָקער־באַפרייונגס־קאָמיטעט א.א.וו.

**ה׳ הײנדמאַן האָט אויף אַט־דער שאַרפער דערקלערונג גאָרנישט געענטפערט. ער איז זיכער נישט געווען קיין דורכשניטלעכער מענטש און ער האָט אויף זיין אופן אויפגעטאָן עפּעס גוטס פאַרן סאָציאַליזם. ער איז אָבער, ווי א סך אנדערע דעמאָלסט, געווען אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט פונעם מילחמה־פסיכאָז. אז ער האָט לגמרי פאַרלוירן יעדן חוש פאַר רעכט און אומרעכט.**

**די פאַרזינקונג פון דער „לוזיטאַניאַ״ האָט שטאַרק אויפגערודערט די עפנטלעכע**

מיינונג און די גרעלע פרעסע האָט שוין געזאָרגט דערפאַר אויפצובלאָזן דעם האס קעגן די דייטשן ביז צו העכסטן עקסטרעם. איז דער פועל־יוצא דערפון געווען, אַז אין לאָנדאָן און אין אנדערע שטעט האָבן זיך אָנגעהויבן באַנייאיקע פּאָגראָמען אויף דעם ביסל דייטשן, וועלכע זיינען נאָך געווען אויף דער פריי, פּאָגראָמען, וועלכע ס'איז דער רעגירונג אָנגעקומען שווער צו אונטערדריקן. איינער פון די ערגסטע, וועלכער האָט זיך דעמאָלסט באַמיט אויפצוראָיען די נידעריקסטע ליידנשאַפטן פון די מאסן, איז געווען האָרײשיאָ באָטעמלי, דער אַרויסגעבער פונעם באַרימטן „דזשאָן בול״, וועלכער האָט אין אַן אַרטיקל אונטערן טיטל „א ניי ווענדעטא בלוטרע־וואנזש״ אויפגעפאָדערט צו אזא מין סיציליאַנישער שחיטה קעגן אלע דייטשן אינעם גאַנצן לאַנד. דער אויפפיר פון אָט־דעם עקלהאַפטן דעמאַגאָג, וועלכער איז אין גאַנץ ענגלאַנד געווען באַקאַנט ווי א רעוואָלווער־זשורנאַליסט, איז געווען אויף אַזויפיל אָפּשטויסנדיקער דערפאַר, וואָס דער ווילדער גרימצאָרן פון אָט־דעם נאָכלויפע־רישן פּאָליטיקער איז געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי א קינסטלעכע מאַכערייקע און אים האָט אינטערעסירט בלויז מיסחר. דער פאַקט, וואָס אָט־דער נידערטרעכטיקער תכשיט איז נאָך דער מילחמה פאַרמישפּט געוואָרן אויף פינף יאָר תפיסה פאַר פשוטן שווינדל, ווייזט דייטלעך, צו וועלכן טיף מענטשן אָט־דער פאַרשוין האָט באַלאַנגט. וואָלט דערדאָזיקער זשוליק געלעבט אין דזשאָנסאָנס תקופה, וואָלט יעדער איינער זיכער געמיינט, אַז מיט זיין באַרימטן זאָג „פּאַטריאָטיזם איז דער לעצטער מקום־מיקלט פאַר זשוליקעס״ האָט ער געמיינט אים און נישט קיין אַנדערן. דאָס וויל אָבער נישט זאָגן, אַז אַזעלכע היענעס פונעם זשורנאַליזם זיינען בנמצא בלויז אין ענג־לאַנד. זיי האָבן געפּראַוועט זייערע פינצטערע מעשים אין אלע מילחמה־פירנדיקע לענדער. אָט־דאָס זאָלן זיך גוט אַריינעמען אין זינען יענע, וועלכע זעען אין דער מילחמה די „פאַריינגערונג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן״. גלייך ווי די חיהשע ברו־טאַליטעט און מאָראַלישע געזונקנקייט וואָלטן געווען מסוגל גורם צו זיין אַ ווידער־געבורט פונעם מענטשלעכן לעבן.

צום באַדויערן האָבן אויך מיר גאָר אינגיכן אָנגעהויבן פילן די ווירקונג פון דער „לוזיטאַניא״־קאַטאַסטראָפע. דער מאָטיוו דערצו האָט געגעבן דער אויפפיר פון איי־ניקע הערן, וועלכע האָבן געהאלטן פאַר נייטיק שטענדיק און אומעטום אַרויסצו־שטעלן עפנטלעך זייער פּאַטריאָטיזם. געווען א היפּשע צאָל אַזעלכע, וועלכע האָט אויסגעקליבן פאַר זיך די פראַזע „גאָט שטראָפע ענגלאַנד!״ ווי א פרימאָרגנדיקע באַגריסונג. מ'האָט פשוט געקאָנט פּלאַצן פאַר פאַרדרוס, ווען ס'איז אויסגעקומען זיך צוצוקוקן צו אָט־די קליינקעפּלדיקע מענטשעלעך. ווי נאָר איינער פון זיי האָט זיך איינדערפרי באַגעגנט מיט א צווייטן אויף דער דעק, האָט ער צוגעלייגט זיין רעכטע האַנט צו דער העלדישער „טויטשער״ ברוסט, זיך פאַרנייגט און אַרויסגע־זאָגט מיט א פייערלעכן קול: „גאָט שטראָפע ענגלאַנד!״ און דער אַזוי אַרום באַ־גריסטער האָט נאָכגעמאַכט דיזעלביקע דראַמאַטישע זשעסטיקולאַציע און מיט דער טיפסטער אויסדריקלעכקייט געענטפערט: „גאָט שטראָפע עס!״

און ווען ס'איז אויף דער שיף באַקאַנט געוואָרן די ידיעה וועגן דעם זינקען

די „לוזיטאַניאַ", האָבן זיך אַ סך פון אָט־די קליינקעפּלדיקע באַנומען ווי גערירטע פון זינען. אייניקע פון דידאָזיקע לייט זיינען אפילו געווען אויף אַזוי ווייט טאַקטלאָז אויסצודריקן זייער פרייד אין דער קעגנוואַרט פון די ענגלישע זעלבער און עס איז דערביי שיער־נישט געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס. האָט דער אַדיוטאַנט, דורך אַן אויפשריפט אויף דער שוואַרצער טאַוול געהאַלטן פאַר נייטיק בפירוש צו וואַרענען קעגן יעדן מין מאַניפעסטאַציע. אָפּשטויסנדער פון אַלץ איז געווען דער אויפפיר פונעם שוין דערמאָנטן זונטיק־פּרעדיקער קאָרן, וועלכער איז אַרומגעלאָפן ווי אַ משוגענער און יעדן איינעם פון זיינע באַקאַנטע דעמאָנסטראַטיוו באַגריסט דורך דערלאַנגען די האַנט, זאָגנדיק דערביי די ווערטער: „איך גראַטולירי!" אָט־דער פרומער צבועק, וועלכער האָט געקאָנט רעדן מיט אַזוי פיל דביקות וועגן דער געטלעכער באַרעמהערציקייט און דער ליבע פון אונדזער דערלייזער, האָט אפילו קיין איין רגע נישט געטראַכט וועגן די אומשולדיקע פרויען און קינדער, וועלכע זיינען אומגעקומען אין יענער קאַטאַסטראָפע.

מ׳קאָן זיכער נישט זאָגן, אַז דאָס פאַרזינקען די „לוזיטאַניאַ" איז אַ גרעסערער פאַרברעך ווי די גיהנומדיקע מעשים פון די אַוויאָנען, וועלכע האָבן אַראָפּגעשפּיגן טויט און חורבן אויף די פיינטלעכע שטעט. ווייל דער אמת איז, אַז ס׳איז נישט פאַראַן קיין „ציוויליזירטע פירונג פון מילחמה" און ווער עס זאָגט זיך אַרויס פאַר מילחמה, קאָן זיך נישט איינצייטיק סומך זיין אויף די געבאָטן פון דער מענטשלעכקייט. אָבער טאָמער פרייט מען זיך נאָך מיט אָט־די זאַכן, ווייזט מען אַרויס אַ האַרטהאַרציקייט און אַ רויקייט, וועלכע איז ממש אויפברויזנדיק. דער אַדיוטאַנט האָט רעאַגירט אויף די אידיאָטישע שטיק פון אָט־די פּוסטע קעפּ דורך פאַרשטאַרקן די דיסציפּלין און אַרויסלאָזן יעדן טאָג נייע גזירות, וועלכע זיינען פון די געפאַנגענע באַטראַכט געוואָרן ווי שיקאַנעס. ביפּרט וואָס אַ סך פון מיינע ליידנס־חברים האָבן שוין זינט אַ לענגערע צייט נישט געהערט פון זייערע קרובים אין דרויסן צוליב דעם אָפּשטעל פונעם בריוו־פאַרקער און זיי זיינען צוליב די אַנטי־דייטשע רייאָטן אין לאַנד אַריינגעפאַלן ממש אין פאַרצווייפלונג.

אין דער נאַכט פון 12טן אויפן 13טן מאַי זיינען מיר פּלוצים אויפגעוועקט געוואָרן פון שלאָף דורך אַ שטאַרקער שיסעריי. מיר האָבן געעפנט דאָס ליקל אינעם שמאָלן קאָרידאָר פון אונדזער קאַיוטע, ביכדי אַרויסצוקוקן. מיר האָבן געזען הויך איבער אונדז צוויי צעפּעלינען, וועלכע זיינען געווען העל באַשטראַלט פון שיינוואַרפער, און זיי זיינען געפלויגן צום צפונדיקן ים. זייער מאַט־קאַליריקע זילבערגרויקייט האָט זיך גאַנץ דייטלעך אַרויסגעשיילט פונעם טונקעלן הימל. מ׳האָט די ביידע לופט־שיפן באַשאָסן פון שיערנעס און פון סאַוטהענד און מיר האָבן דייטלעך געהערט דאָס פייפן און זשומען פון די קוילן. צומאָרגנס האָבן מיר געלייענט אין די צייטונגען, אַז די צעפּעלינען זיינען געפלויגן איבער לאָנדאָן, וווּ זיי האָבן אָנגעמאַכט אַ היפּשן שאָדן. זיי זיינען, הייסט עס, דעמאָלט געפלויגן אויף צוריקוועגס קיין דייטשלאַנד, ווען מיר האָבן זיי געזען ביינאַכט.

אַ וואָך שפּעטער האָבן מיר איבערגעלעבט אַן ענלעכן עפּיזאָד; ווידעראַמאָל זיי

נעֶן מיר בײנאַכט אויפגעוועקט געוואָרן פון שלאָף דורך אַ שטאַרקער שיסערײ. אָבער דאָס מאָל האָבן מיר גאָרנישט געקאָנט זען. מיר האָבן בלויז געהערט אַן אומאויפהער־לעך שיסערײ פון דער זייט פון סאָוטהענד און אינצווישן, אין לענגערע הפסקות, דעם טעמפּן אויפרייס פון שווערע אויפרייסשטאָפן. צומאָרגנס זײַנען מיר געוויר געוואָרן, אַז דײַטשע פליער זײַנען געפלויגן איבער סאָוטהענד און אַרומיקע געגנטן, ווו זיי האָבן אָנגעטאָן גרויסע שאָדנס. אָט־די כסדר זיך איבערחזרנדיקע אַטאַקעס האָבן נישט איי־נעם פון אונדז געבראַכט צו דער איבערצייגונג, אַז אונדזער לאַגע דאָ איז גאָרנישט אַזוי זיכער און אייניקע איבערגעשראָקענע האָבן אפילו אַוועקגעשיקט אַ פּעטיציע צום קריגס־מיניסטעריום, אין וועלכן זיי האָבן געבעטן, מ׳זאָל זיי איבערשיקן אין אַן אַנדערן לאַגער.

אין דער לעצטער וואָך פון מאַי זײַנען מיר געוויר געוואָרן, אַז די „ראָיאַל עדוואַרד״ און „סאַקסאָניאַ״ וועלן אינגיכן אָפּגעליידיקט ווערן. אַ קורצע צייט פאַר דעם האָב איך געהאַט צו גאַסט ביי מיר מײַן פרוי, מילי, און מײַן פרײַנט א. שאַ־פּיראָ, וועלכע האָבן מיר, אינוויזוויט דאָס איז בכלל מעגלעך געווען צוליב דער אָפּהי־טונג פון אונדזער שמועס, אויסגעמאָלן אַ זייער טרויעריק בילד פון אונדזער לאַגע אין דרויסן. צוליב איטאַליעס באַטייליקונג אין דער מלחמה איז צעשטערט געוואָרן יעדע האָפענונג וועגן דעם באַלדיקן סוף פון דער קאַטאַסטראָפע.

דעם 27סטן מאַי, ס׳איז געווען אַרום מיטיקצייט, בין איך געשטאַנען מיט אַ פרײַנט ביים פאָרענטש פון דער שיף און אַרויסגעקוקט צום ים, ווי איך פלעג דאָס אַזוי אָפט טאָן. פּלוצים האָבן מיר פון דער שיערנעסער געגנט געזען אַרויסשפּאַרן אַ ריזיקן פייערזייל. באַלד נאָכדעם האָבן מיר געהערט אַ טעמפּן קראַך. אַ ריזיקער זייל רויך האָט זיך געשפּאַרט אויף אַרויף אויבן און איז אַזוי געשטאַנען דעם גאַנצן טאָג ווי אַ ריזיקער צעדערבוים. מיר האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז מיסתמא פאָרגעקומען אַ גרויס אומגליק. צומאָרגנס האָבן די צייטונגען געברענגט די ידיעה, אַז די שיף „פּרינסעס אײַרין״ איז אויפגעלאָדן געוואָרן מיט אויפרייסשטאָפן און זי האָט געזאָלט אָפּשווימען צו די דאַרדאַנעלן. צוליב עפּעס אַ סיבה, וועלכע האָט קיינמאָל נישט געקאָנט אויפגעקלערט ווערן, איז די שיף מיט אַלץ מיטאַנאַנדער אַוועק אין דער לופטן. דאָס איז געווען אַ שוידערלעכע קאַטאַסטראָפע. גאַנצע גאַסן זײַנען חרוב געוואָרן דורכן אויפרייס און מער ווי 300 מענטשן האָבן דערביי פאַר־לוירן זייער לעבן.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָבן מיר געדאַרפט מאַכן אונדזערע פּעקלעך און מיר זײַנען געוויר געוואָרן, אַז דעם 1טן יוני וועט מען אונדז אָפּפירן אין „אַלעקסאַנדרא פּעלעס״, אַן אַלטער בנין פאַר אויסשטעלונגען אין צפון פון לאָנדאָן. דער 1טער יוני איז געווען אַ פּראַכטפולער זומערדיקער טאָג. איך האָב כימעט די גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט צומאַכן מיט קיין אויג, און גאַנץ פרי בין איך שוין געווען אויף דער דעק. 11 אַזייגער איז צוגעקומען צו אונדזער שיף אַ קליין דאַמפשיפל, וועלכעס האָט אונדז צוגעפירט צום האַפן פון סאָוטהענד. ביים ברעג האָט אונדז אָפּגעוואַרט אַ גרויסע צאָל נייגעריקע, וועלכע האָבן אונדז באַטראַכט מיט פינצטערע, שטאַרע

בליקן. פונדעסטוועגן איז דאָס איצטיקע בילד געווען אַנדערש ווי ביי אונדזער אָנקומען. דער עולם איז געשטאַנען רואיק, אומהיימלעך געשוויגן און נישט גע־פּרווט מאַכן קיין דראַנגען. ווען מיר זיינען אָנגעקומען צו דער באַנסטאַציע, האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין וואַגאָנען, וועלכע האָבן שוין געוואַרט אויף אונדז, און נאָך אַ היפּשע צייט האָט דער צוג זיך לסוף אָנגעהויבן רירן. דער אַנבליק פון די ביימער, לאָנקעס און גערטנער, וועלכע מיר האָבן אַזאַ לאַנגע צייט נישט געזען, האָט אויף אונדז געהאַט אַ גוטע ווירקונג.

ווען מיר זיינען ענדלעך אָנגעקומען קיין לאַנדאָן, האָט מיך באַהערשט אַ מאָד־נע געפיל ביים אַנבליק פון די באַקאַנטע גאַסן און פּלעצער. דער אויסזען פון די גאַסן מיט די האַווענדיקע מחנות מענטשן, וועלכע האָבן זיך באַוועגט אין אַלע ריכטונגען ווי פאַרהאַוועטע מוראַשקעס, איז געווען דאַסזעלביקע. מיר זיינען לסוף אָנגעקומען צו דער סטאַציע וווד גרין, ווו מיר זיינען אַרויס פון דער באַן. פאַמעלעך האָט זיך אונדזער מחנה געריררט צום שטאַטישן בערגל, אויף וועמעס שפּיץ עס געפינט זיך דער „אַלעקסאַנדער פּעלעס״. אַ לאַנגער עטאַפּ פון אונדזער געפאַנגענ־שאַפט איז אַזוי אַרום פאַרענדיקט געוואָרן. ווער האָט געקאָנט וויסן, וואָס דער בייער עטאַפּ וועט אונדז ברענגען?

# אַלעקסאַנדער פּעלעס

די ערשטע איינדרוקן, וואָס איך האָב באַקומען פון אונדזער נייעם אויפהאַלט־אָרט, איז נישט געווען קיין גינציקער. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אויף דער לאַגער טעראַסע, וועלכע האָט זיך געצויגן לענגאויס פון דער גאַנצער פאָדערשטער זייט פון דער ריזיקער געביידע, זיינען מיר פונדאַסניי איבערגעציילט געוואָרן, ביז מ׳האָט אונדז, לסוף, נאָך אַן אומענדלעכן וואַרטן, טויט־מידע און הונגעריקע, געלאָזט אַריינקומען אינעם גרויסן מיטלסדיקן זאַל פונעם „פּאַלאַץ״. דאָרט האָט מען אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן אינעם סאַמע מיט פונעם ריזיקן זאַל, ווו דער קאָמאַנדאַנט וועט פאַר אונדז האַלטן אַ רעדע. דער קאָמאַנדאַנט, פּראַוד וואָלקער, איז געווען אַן אַלטער הער מיט גרויע האָר און שאַרפע שטריכן אויף זיין פּנים און מ׳האָט אויפן ערשטן בליק באַלד דערקענט, אַז ער איז אַ פּראָפעסיאָנעלער מיליטער־מאַן. זיין לינק אויער איז געווען פאַרדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך, מיסתמא ביכדי צו פאַרבאָרגן עפּעס אַ פעלער. דער קאָמאַנדאַנט, וועלכער האָט געהאַט דעם ראַנג פון אַ פּולקאָווניק, איז געשטאַנען אין דער מיט צווישן זיינע אָפיצירן און געוואָרפן אויף אונדז אַ שנעלן, באַטראַכטנדיקן בליק. ער האָט גערעדט צו אונדז מיט רואיקע, געמאָסטענע רייד און דערקלערט, אַז ער וועט אונדז נישט געבן קיין מאָטיוו זיך צו באַקלאָגן, בתנאי אויב מיר וועלן אים פאָלגן אַלץ, וואָס ער וועט פון אונדז פאַרלאַנגען. בעת זיין קורצער רעדע האָט ער נישט אַרויסגעלאָזט פון זיין האַנט דעם שטעקן, דעם אומצעשיידבאַרן באַגלייטער פונעם ענגלישן אָפיציר, און די וויכטיקסטע שטעלן פון זיין רעדע האָט ער אונטערגעשטראָכן מיט ענערגישע באַוועגונג פון זיין האַנט.

אויפן רוב פון מיינע מיטגעפאַנגענע האָבן זיינע ווערטער געמאַכט אַ גינציקן איינדרוק. צום באַדויערן האָב איך נישט געקאָנט זאָגן דאָס נעמלעכע וועגן זיך אַליין, מחמת איך האָב אינסטינקטיוו געפילט, אַז אָט־דער מענטש מיט זיין גאַנצער מיליטערישער פּסיכאָלאָגיע וועט מיסתמא נישט האָבן קיין שום פאַרשטענדעניש פאַר די באַדערפענישן און געוווינהייטן פון געפאַנגענע ציווילע מענטשן.

נאָכן קאָמאַנדאַנטס רעדע זיינען מיר איינגעטיילט געוואָרן אין קאָמפּאַניעס. נאָכ־דעם האָט מען יעדן איינעם אָנגעוויזן זיין פּלאַץ און מ׳האָט אים איבערגעגעבן אַ נייעם נומער ווי אַ געפאַנגענער. איך האָב באַקומען דעם נומער 4040 און בין מיטן רוב פון מיינע נענטערע באַקאַנטע באַשטימט געוואָרן אין דער פערטער קאָמפּאַניע.

נאָכדעם ווי אָט־די אַלע עיניניִם זיינען דערליידיקט געוואָרן האָב איך לסוף געהאַט צייט זיך אַרומצוקוקן אַביסל נענטער אין אונדזער נייער „היים״. אונדזער לאַגער האָט זיך געפונען אינעם גרויסן צענטראַלן האָל פון דער ריזיקער געביידע. דאָס איז געווען אַ ריזיקער זאַל, וועלכער האָט פריער געדינט ווי אַ זאַל פאַר קאָנצערטן. דער מיטלסטיקער טייל פונעם זאַל האָט געהאַט אַ הויך פון פיר שטאָק און איז געווען באַדעקט מיט אַ האַלב־קיילעכיקן גלעזערנעם דאַך. ביידע פליגל פון לינקס און רעכטס זיינען געווען היפּש נידעריקער. זיי זיינען ביידע געווען אַרומגעגרענעצט דורך צוויי רייען פּילקאָליריק־באַמאָלטע גיפּסענע סטאַטועס פון אַלע ענגלישע הערשער, אָנגעהויבן פון וויליאַם דעם דעראָבערער ביז צו דער קעניגן וויקטאָריאַ. נעבן טשאַרלס דעם ערשטן איז געשטאַנען דאָס סטראַשענדיקע פּנים פונעם אייזערנעם באַשיצער אָליווער קראָמוועל. גלייך ביים אַריינגאַנג אינעם ריזיקן „האָל״ האָט מען געקאָנט זען אַ ווייסע סטאַטוע פון וויליאַם שעקספּיר, וועמעס פאַרטראַכטער בליק האָט ווי פאַרחלומט געקוקט אויף דערדאָזיקער גאַלעריע פון די ענגלישע געזאַלבטע דורך גאָטס חסד. אין הינטערגרונט איז געווען אַ גרויסע בינע, אויף וועלכער ס׳האָבן פריער געקיניגט אָרקעסטערס און כאָרן און וועמעס צענטער איז געווען באַצירט מיט אַ ריזיקן אָרגל.

אין דער זייט פונעם לינקן פליגל איז געווען אַ היפּשע צאָל טירן, דורך וועלכע מ׳האָט געקאָנט אַריינקומען אין אַן אַנדערן אָפּטייל פונעם בנין. דידאָזיקע טירן זיינען געווען פעסט פאַרשלאָסן און חוץ דעם נאָך פאַרשטעלט מיט אייזערנע שטאַכייטן. פון דער זייט פון רעכטן פליגל האָבן אייניקע גרויסע גלעזערנע טירן אַרויסגעפירט צו אַ ליידיקן הויף, וועלכן מ׳האָט גערופן „איטאַליענישער גאָרטן״, ווייל אין פרידנסצייטן זיינען דאָרט געווען אויסגעשטעלט עקזאָטישע פלאַנצן. די טירן האָבן געקאָנט געעפנט ווערן, אָבער די אַרויסגענג גופא זיינען געווען פאַרשטעלט מיט גראַטעס און מ׳האָט אַזוי אַרום נישט געקאָנט אַרויסגיין אינעם הויף.

דער פּלאַץ פונעם אָרקעסטער איז געווען אָפּגעטיילט פונעם גרויסן זאַל דורך גראַטעס. הינטער זיי איז געשטאַנען אַזאַ מין אויף גיך צונויפגעקלאַפּטע פּלאַטפאָרמע, פון וועלכער מ׳האָט געקאָנט באַאָבאַכטן דעם גאַנצן לאַגער. דאָ איז טאָג און נאַכט געשטאַנען אַ וואַכפּאָסטן מיט אַן אַרויפגעשטעלטן באַגנעט אויף דער ביקס און כסדר פּאַטרולירט. תיכף ביים אַריינגאַנג אינעם „האָל״ איז געווען אַוועקגעשטעלט אַן ענלעכער געשטעל, ווו ס׳איז געשטאַנען אַ צווייטער וואַכפּאָסטן. די לינקע זייט פונעם פליגל האָט נאָך, חוץ דעם, געדאַרפט דינען ווי אַ עסזאַל, ווייל אַלעס האָט אומבאַדינגט געמוזט געטאָן ווערן אין זעלביקן „האָל״. דער רעשט פונעם „האָל״ איז געווען געדיכט אָנגעשטעלט מיט הילצערנע געשטעלן, וועלכע האָבן געדאַרפט דינען ווי בעטלעך פאַר די געפאַנגענע. יעדער איינער האָט באַקומען אַ שטרויזאַק פאַר אַ געלעגער, אַ שטרויען קישעלע פאַרן צוקאָפּנס און דריי פערדישע דעקעס צום צודעקן זיך. יעדע קאָמפּאַניע איז געווען אָפּגעטיילט פון דער אַנדערער דורך שטאַכייטן פון אַ מעטער די הויך.

הגם איך בין געווען שטאַרק מיד און דער קאָפּ האָט מיר ווײ געטאָן פון די

אַלע נייע איבערלעבענישן, האָב איך די ערשטע נאַכט כּימעט נישט געקאָנט צומאַכן קיין אויג. אויך קאַרל, וועלכער איז געשלאָפן נעבן מיר, האָט זיך אומרואיק געקאַ־טשעט אויף זיין געלעגער, וואָס דאָס איז, אַגב, קיינמאָל נישט געווען זיין טבע. פאַרשידענערליי מחשבות האָבן זיך אין אָט־דער ערשטער נאַכט געפּלאָנטערט אין מיין קאָפּ. די גאַנצע נוצלאָזיקייט פון מיין איצטיקער עקזיסטענץ האָט שווער גע־הויערט אויף מיר און צום ערשטן מאָל איז מיר אויפגעקומען דער געדאַנק וועגן אַנטלויפן. ס׳איז שוין געווען שפּעט פאַרטאָג, ווען איך בין אַריינגעפאַלן אין אַזאַ מין שווערן דרימל, וועלכער האָב אָבער לאַנג נישט געדויערט, ווייל אַ שאַרפער פייף האָט מיך אויפגעוועקט. ס׳איז געווען דער סיגנאַל צום אויפשטיין.

נאָכן אָנבייסן האָט זיך יעדער געמוזט אוועקשטעלן ביי זיין בעטל און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די ציילונג אין דער קעגנוואַרט פון אַן אָפיציר. די זעלנער האָבן נאָך נישט געהאַט די נייטיקע רוטין און מיר האָבן געדאַרפט דריי מאָל איבער־געציילט ווערן, ביז אַלץ איז געווען אין אָרדענונג. נאָכדעם האָבן מיר זיך געמוזט אויסשטעלן צו צווייען אינעם קאָרידאָר, ביז ס׳איז ענדלעך געעפנט געוואָרן דאָס טויער. אַן אָפּטיילונג זעלנער האָט אונדז דערנאָך אַראָפּגעפירט אינעם קאָמפּאונד, אַ גרויסער שטח באָדן, וועלכער איז געווען באַוואַקסן מיט הויכן גראָז און פון אַלע זייטן אַרומגעצוימט מיט אַ געדיכטער נעץ פון שטעכיקן דראָט. אויף דריי זייטן, תּיכף הינטערן צוים פון שטעכיקן דראָט, זיינען געווען אוועקגעשטעלט אַזעלכע געשטעלן פון אומגעהובלעוועטן האָלץ, יעדע איינע אַזוי הויך ווי אַ מענטש. אויף יעדן איינעם פון אָט־די געשטעלן איז געווען אַוועקגעשטעלט אַ לאַנג ביידל פאַר די וועכטער, וועלכע האָבן פון זייער פּלאַץ געקאָנט אַרומנעמען מיטן אויג דעם גאַנצן „קאָמפּ־אונד". מיר זיינען, הייסט עס, געווען אונטער אַ גוטער שמירה.

דער אַזוי לאַנג נישט געפילטער תּענוג צו האָבן גרין גראָז אונטער אונדזערע פיס האָט אונדז אַלעמען אַריינגעבראַכט אין אַ גוטער שטימונג. אַ סך פון אונדז האָבן זיך אַרומגעיאָגט אין גראָז ווי קינדער און האָבן גאָרנישט געקאָנט קומען צו זיך פאַר פריידן נאָך אַזויפיל חדשים פון אַ דערדריקנדיקער ענגעניש אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד", ווו מיר האָבן זיך אויף דער דעק קוים געקאָנט רירן. 9 אַזייגער איז געקומען דער ערשטער סערזשאַנט און באַפוילן, אַז מיר זאָלן זיך אויסשטעלן קאָמפּאַניעסווייז. איבער אַ שעה צייט זיינען מיר אַזוי געשטאַנען אויסגעשטעלט שורותווייז, ביז ס׳האָט זיך ערשט באַוויזן דער קאָמאַנדאַנט מיט זיינע אָפיצירן, און ער האָט אונדז אויפן הויכן קול באַגריסט מיט אַ „גוטן מאָרגן". נאָכדעם האָט ער עפּעס איבערגערעדט מיט די פירער פון די קאָמפּאַניעס און איז אוועק צוזאַמען מיט זיין שטאַב. ווען מ׳האָט אונדז שפּעטער געזאָגט, אַז אָט־די פּוסטע קאָמעדיע דאַרף פאָרקומען יעדן טאָג, איז דעם רוב פון אונדז געוואָרן קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן.

האַלב־צוועלף אַזייגער האָבן מיר זיך ווידער געמוזט אויסשטעלן צו צווייִ אין אַ שורה און מיט מיליטערישער באַוואַכונג האָבן מיר זיך אומגעקערט אויף דער טעראַסע. אין מיטן וועג האָט מען אונדז פּלוצים אָפּגעשטעלט. נאָך אַ האַלבער שעה

וואַרטן האָט זיך דער קאָמאַנדאַנט באַוויזן אויף דער טעראַסע אין באַגלייטונג פון עטלעכע דאַמען און ציווילע מענער. א סברא, אַז דאָס איז געווען, ביכדי זיינע געסט צו לאָזן כאַפּן א בליק אויף די „הונען". נאָכדעם ווי מיר זיינען צום צווייטן מאָל איבערגעציילט געוואָרן, האָבן מיר ערשט געקאָנט עסן אונדזער מיטיקמאָלצייט.

נאָכמיטיק האָט זיך איבערגעחזרט דיזעלביקע זינלאָזע פּראָצעדור, ביז מיר האָבן לסוף, האַלבזעקס אַזייגער, געדאַרפט צוריקמאַרשירן פון „קאָמפּאַונד" אין לאַגער אַריין, ווו מיר זיינען נאָך דער וועטשערע איבערגעציילט געוואָרן צום דריטן מאָל.

מיר זיינען שטאַרק דערעסן געוואָרן דידאָזיקע אַלע צוועקלאָזע פּייניקונגען. איז דען נישט געווען גענוג, וואָס מ'האָט אונדז געהאַלטן פאַרשפּאַרט, — צו וואָס האָט מען נאָך געדאַרפט צוגעבן די אַלע פּוסטע איינפירן פון אַ מיליטערישער דיסציפּלין? סוף־כל־סוף זיינען מיר דאָך נישט געווען קיין זעלנער, נייערט ציווילע פּערזאָנען, פון וועלכע א סך האָבן קיינמאָל נישט געטראָגן אויף זיך קיין אוניפאָרם. צו וואָס־זשע האָט מען אונדז אומזיסט און אומנישט געדאַרפט שווערער מאַכן דאָס לעבן ווי ס'איז שוין אויך אָן דעם געווען? און דערצו נאָך אין ענגלאַנד, ווו דער גייסט פונעם מיליטאַריזם האָט זיך, ביז איצט לפּחות, קיינמאָל נישט געקאָנט פאַר־גרונטפעסטיקן! דער רוב פון מיינע מיטגעפאַנגענע האָט נישט געפילט אַנדערש ווי איך. פונדעסטוועגן האָט אין די ערשטע טעג געהערשט א גרויסער אויפּברויז אינעם לאַגער, וועלכער האָט פאַרדרענגט אַלע אַנדערע געפילן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דורכפירן נייע וואַלן פאַר דער פאַרוואַלטונג פונעם לאַגער, באַזונ־דערס וועגן דער אויסוויילונג פונעם אָזיגערופענעם פירער פונעם באַטאַליאָן. אַזוי ווי אונדזערע פּאַטריאָטן פון די „בעסערע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן" זיינען שוין איצט נישט געווען אָפּגעטיילט פון אונדז און געמוזט וווינען מיט אונדז אין זעלביקן זאַל, ווען אפילו זיי האָבן זיך גרופּירט אין באַזונדערע קאָמפּאַניעס, איז זיי געגאַנגען אין לעבן, אַז די שטעלע פון אַ באַטאַליאָנפירער זאָל פאַרנומען ווערן פון איינעם פון זייער קרייז. זיי האָבן דעריבער אַרויסגעשטעלט פאַר קאַנדידאַט א געוויסן הער פאָן מאַרשטאַלער, דער שפּראָץ פון אַ שוואַבישער אַדעליקער פאַמיליע, און האָבן פאַר אים אָנגעפירט א שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע אינעם גאַנצן לאַגער.

דער ענין האָט זיך אָבער אויסגעוויקלט אַנדערש ווי מ'האָט געמיינט. הגם מיר האָבן געהאַט א רעכט אַליין צו באַשטימען אַלע פאַרטרעטער פון דער אינער־לעכער פאַרוואַלטונג פונעם לאַגער, האָט אָבער דער אַלטער קאָמאַנדאַנט פּשוט און פּראָסט איבערגעגעבן די אינערלעכע פאַרוואַלטונג די אַלטע ליניע־קאַפּיטאַנען פון דער שיף „ראָיאַל עדוואַרד" און זיי געהייסן פון צווישן זיך אויסקלויבן אַ באַטאַליאָן־פירער. ביכדי דעם לייענער צו מאַכן פאַרשטענדלעכער דעם גאַנצן סדר אינעם לאַגער, וועט זיין גוט דאָ אָנצוואַרפן אַ בילד פון דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע.

דער גאַנצער לאַגער אין „אַלעקסאַנדראַ פּעלעס" איז באַשטאַנען פון דריי באַ־טאַליאָנען. לינקס פון אונדז האָט זיך געפונען דער באַטאַליאָן „איי". רעכטס פון אונדז — דער באַטאַליאָן „סי". אונדזער באַטאַליאָן, דער באַטאַליאָן „בי", איז געווען אין דער מיט און איז לויט דער צאָל געפאַנגענע געווען דער גרעסטער. די דריי

באַטאַליאָנען זיינען געווען איינגעטיילט אין קאָמפּאַניעס. אונדזער באַטאַליאָן האָט געהאַט דרייצן קאָמפּאַניעס. יעדע קאָמפּאַניע האָט געהאַט אכציק ביז הונדערט מאַן. בראש פון יעדער קאָמפּאַניע איז געווען א קאַפּיטאַן אָדער א קאָמפּאַניע־פירער, וועמעס אויפגאַבע ס׳איז געווען צו זאָרגן פאַר דער אָרדענונג און ריינקייט אין זיין קאָמפּאַניע, איבערצוגעמען בקשות און ווענדונגען צום קאָמאַנדאַנט, וועלכע ער האָט פריער, נאָכן איבערקוקן זיי, געדאַרפט פאַרלייגן פאַרן באַטאַליאָנפירער, וועלכער זאָל זיי איבערגעבן צום קאָמאַנדאַנט. חוץ דעם איז נאָך געווען די אַזויגערופענע „סאַני־טעטס־פּאָליציי״, אַן אָפּטיילונג פון בערך צען פּערזאָן, וועלכע איז געווען פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דער טעגלעכער ריניקונג פון די וואַש־ און באָדצימערן און די קלאָזעטן. בראש פון דידאָזיקע מענטשן איז אויך געשטאַנען א קאַפּיטאַן. די געפאַנ־גענע פון אַט־דער אָפּטיילונג האָבן באַקומען פון דער קאַסע פון באַטאַליאָן א קליינע באַלוינונג פאַר זייער ארבעט. דערפאַר זיינען די אַנדערע געפאַנגענע געווען פריי פון אַט־דער אַרבעט און בלויז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער ריניקונג פון זייערע שלאָף־ און עספּלעצער. פאַר דער ריכטיקער פאַרטיילונג פונעם עסן און פאַר דער אָרדענונג ביי די טישן איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך דער אַזויגערופענער „מעס־לידער״, וועלכער האָט אויך געטראָגן דעם באַנד פון אַ קאַפּיטאַן. דער גאַנצער באַ־טאַליאָן האָט, בכן, געהאַט פופצן קאַפּיטאַנען, וועלכע זיינען געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פונעם באַטאַליאָן־פירער.

ביי דער פאַרזאַמלונג פון די קאַפּיטאַנען איז אַ געוויסער הער קאָלין אויסגעע־קליבן געוואָרן מיט א מערהייט פון איין שטימע ווי דער פירער פונעם באַטאַליאָן. זיינען דעריבער די פאַרטרעטער פונעם ריינעם דייטשטום, וועלכע האָבן געהאַט אַרויסגעשטעלט ווי זייער קאַנדידאַט דעם הער פאַן מאַרשטאַלער, שטאַרק אויפגעע־בראַכט געוואָרן און ממש אַרויס פון די כלים. זיי האָבן געזוכט אַן אופן, ווי אַזוי צו פּסלען קאָלינס דערוויילונג און געפאָדערט, אַז דער פירער פונעם באַטאַליאָן זאָל אויסגעקליבן ווערן פונעם גאַנצן באַטאַליאָן און נישט בלויז פון די קאַפּיטאַנען.

אָבער דער קאָמאַנדאַנט פונעם לאַגער האָט געמאַכט א סוף צום גאַנצן עינין און צוויי טעג שפּעטער האָט ער ביים פרימאָרגנדיקן פּאַראַד אין קאָמפּאַונד דער־קלערט, אַז ער האָט באַשטעטיקט און אָנגענומען קאָלינס אויסדערוויילונג און ער עצהט אלעמען זיך אונטערצוואַרפן צו אַט־דער אנטשיידונג.

איך אליין האָב נישט געהאַט קיין שום שייכות צו די צוויי מענטשן, וועלכע האָבן זיך אַרומגעריסן וועגן דער שטעלע. פונדעסטוועגן האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז קאָלין, וועלכער האָט געלעבט אַ סך יאָרן אין ענגלאַנד, איז געווען בעסער צוגעע־פּאַסט פאַר דערדאָזיקער שטעלע ווי דער ה׳ מאַרשטאַלער, וועלכער האָט געקאָנט אַרויסשטעלן לטובת זיין קאַנדידאַטור בלויז זיין אַריסטאָקראַטישן טיטל און זיין באַריימעריש־שרייערישן פּאַטריאָטיזם. אַן אַנדערע פראַגע איז געווען, צי קאָלין וועט זיך קאָנען האַלטן לאַנג און דורכקומען אויף זיין שטעלע. מיטן קאָמאַנדאַנט איז געווען שווער אויסצוקומען און מיט די זיבנגאָרנדיקע מיוחסים פונעם ריינעם דייטש־טום — אוודאי און אוודאי. קאָלין איז נישט געווען קיין קעמפערישע נאַטור, ניי ערט

אַ מענטש פונעם גאַלדענעם מיטן, וועלכער איז שטענדיק אויסן געווען צו פאַר־מיטלען, אפילו דעמאָלסט, ווען די סתירות זיינען געווען אַזעלכע, אז ס'איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט פאַר פאַרמיטלונג. מ'האָט דעריבער געקאָנט פאָרויסזען, אַז זיין פירערשאַפט וועט לאנג נישט אָנהאַלטן, ביפרט ווען דער רוב פון די גע־פאַנגענע האָט וואָס וויימער אַלץ שווערער און דריקנדיקער געפילט זייער לאַגע.

אָבער דאָס ערגסטע איז געווען די שטענדיקע אפּוטרופּסות, צו וועלכער מ'האָט אונדז אויסגעשטעלט אויף טריט און שריט, און די אידיאָטישע גזירות, פאַר וועלכע ס'איז נישט געווען אפילו די מינדסטע באַדערפעניש. מ'האָלט־אויס זאכן, פון וועלכע מ'קאָן זיך נישט אויסהיטן, מיט אַ געוויסן פאַטאַליזם, אָבער נוצלאָזע און דורך גאָרנישט מאָטיווירטע באַפעלן מוזן פון יענע, וועלכע ס'קומט־אויס פון זיי צו ליידן, תמיד באַטראַכט ווערן ווי שיקאַנעס און דערנידעריקונג, ווען אפילו מ'איז דאָס נישט אויסן. באַזונדערס אומדערטרעגלעך זיינען געווען פאַר די געפאַנגענע די טעגלעכע צערעמאָניעס אין קאָמפּאַונד און די באַשטענדיקע ציילעניש. אָפּטמאָל האָבן מיר געמוזט שטיין שעהן גאַנצע אויסגעשטעלט אין שורות אונטער דער ברענענדיקער זון, ביז ס'איז געקומען דער קאָמאַנדאַנט, כּדי אונדז צו זאָגן זיין „גוט־מאָרגן". און ס'האָט דערביי נישט איינמאָל פּאַסירט, אז עלטערע מענטשן פלעגט נישט גוט ווערן און זיי פלעגן פאַלן אין חלשות. און עס זיינען נאָך צוגעקומען די דריימאָליקע ציילענישן יעדן טאָג, וועלכע האָבן טעגלעך פאַרנומען אַ וועלט מיט צייט. און טאָ־מער האָט זיך דער ציילנדיקער אָפּיציר טועה געווען, אַ זאַך, וואָס איז אין דער ערשטער צייט פאָרגעקומען גאַנץ אָפט, כּמעט יעדן טאָג, האָט דער שפּיל זיך אָנ־געהויבן פונדאָסניי.

אַזוי ווי אין קאָמפּאַונד זיינען נישט געווען קיין קלאָזעטן, האָט יעדער איי־נער, וועלכער האָט געהאַט אַ באַדערפעניש אָפּן אָדער משתין צו זיין, זיך גע־דאַרפט ווענדן צום וואַכפּאָסטן און אים זאָגן, וואָס פאַראַ באַדערפעניש ער האָט. דער וועכטער פלעגט אים געוויינלעך לאָזן וואַרטן, ביז ס'האָט זיך אָנגעקליבן לפּחות נאָך פיר געפאַנגענע מיטן זעלבן באַדערפעניש. דעמאָלסט איז אַלאַרמירט געוואָרן די וואַך. אַ זעלנער מיט אַן אַרויפגעשטעלטן באַגנעט אויף זיין ביקס האָט זיך געשטעלט בראש, נאָך אים די געפאַנגענע און הינטער זיי — נאָך אַ זעלנער, וועלכער האָט געשלאָסן די קאָלומנע. אַזוי האָט מען מאַרשירט באַרג־אַרויף צו די אָפּטריטן, ווו ביידע זעלנער האָבן געהיט די אַריינגאַנגסטירן און אָפּ־געוואַרט, ביז אַלע האָבן אָפּגעטון זייער באַדערפעניש. נאָכדעם האָט מען זיך אויס־געשטעלט אין זעלביקן סדר און צוריקמאַרשירט צו קאָמפּאַונד. און ס'איז דאָך נישט געווען די מינדסטע באַדערפעניש פאַר אָט־דער אידיאָטישער דעמאָנסטראַציע, וואָרן דער גאַנצער אַרום איז דאָך געווען אַרומגעצוימט מיט געדיכטן שטעכיקן דראָט און שטרענג באַוואַכט פון באַוואָפנטע זעלנער.

פונקט אַזוי לעסטיק און אומנייטיק זיינען געווען די דריי וואַכשטעלעס אין אונדזער זאַל, וועלכע זיינען געווען באַזונדערס באַלעסטיקנדיק ביינאַכט צוליב דעם, וואָס די וועכטער האָבן זיך געביטן אַלע צוויי שעה. ווי נאָר דער שליסל האָט זיך

געלאָזט הערן אינעם שלאָס, האָבן זיך תיכף געלאָזט הערן די הויכע אויסגעשרייען פון דער קאָמאַנדע און דאָס קלאַפּן פון די ביקסנקאָלבעס. דאָס אַלעס האָט אין ריזיקן זאַל אָנגעמאַכט אַזאַ ליאַרעם, אַז אַלע געפאַנגענע זיינען מיטאַמאָל איבערגעשראָ־קענע אויפגעוועקט געוואָרן פון זייער שלאָף. דער פאַקט, וואָס אָט־די אַלע אומזי־ניקע תקנות זיינען שפּעטער אָפּגעשאַפט געוואָרן, איז דער בעסטער באַוויז, אַז ס'איז פון אָנהויב אָן נישט געווען קיין שום באַדערפעניש פאַר דעם. זיי זיינען גע־ווען דער פועל־יוצא פון אַ קליינקעפּלדיקער ביוראָקראַטישער רוטין, וועלכע האָט כסדר אומזיסט און אומנישט פאַרביטערט דאָס לעבן פון די געפאַנגענע. און אַזעלכע נאַרישע תקנות איז געווען אָן אַ שיער.

נאָכדעם ווי ס'איז פאַרביי דער ערשטער חודש האָט מען אונדז לסוף באַוויליקט איינמאָל אין חודש אויפצונעמען געסט אויף אַ צוואַנציק־מינוטנדיקן באַזוך. אָבער אַלע זיינען געוואָרן שטאַרק אַנטוישט און אומצופרידן, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די וויזיטן קומען־פאָר ביי אַזעלכע באַדינגונגען, וועלכע קאָנען אָן עמפּינדלעכן מענטשן דערפירן צו פאַרצווייפלונג. די וויזיטן, וועלכע האָבן געקאָנט געמאַכט ווערן נאָר אין די וואָכעדיקע טעג, זיינען פאָרגעקומען אין אַ פּלאַץ, ווו ס'זיינען געשטאַנען צוויי לאַנגע טישן איבער אַ מעטער די ברייט. אין דער מיט פון יעדן טיש איז געשטאַנען אַ ברעט פון אַ בערך 35 צענטימעטערדיקער הויך, ביכדי נישט צו דערמעגלעכן קיין שום באַריר צווישן די געפאַנגענע און זייערע געסט. די גע־פאַנגענע האָבן זיך געמוזט אוועקזעצן אויף איין זייט טיש, בעת די אַנדערע זייט איז געווען באַשטימט פאַרן באַזוכער. צווישן יעדע צוויי באַזוכער איז געזעסן אַ זעלנער. ס'איז די באַזוכער שטרענג אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז זיי טאָרן די געפאַנגענע נישט דערלאַנגען די האַנט, ווען אפילו דאָס איז געווען דעם געפאַנגענעמס פרוי און קינדער. אָן אָפיציר האָט געהיט, צי אַלעס קומט פאָר לויט די תקנות.

מ'האָט מיר שוין געהאַט דערציילט עפּעס וועגן אָט־די באַזוכן, אָבער איך האָב די ידיעות געהאַלטן פאַר גוזמאדיקע. אפילו אין „אָלימפּיא"־לאַגער האָט מען דאָך אונדז דערלויבט זיך אַרומצונעמען מיט פרוי און קינדער; און אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד" וואָלט דאָך קיינעם נישט געווען איינגעפאַלן עפּעס צו זאָגן קעגן דעם, ווען אַ פּאָרפאָלק איז געזעסן איינער נעבן אַנדערן און זיך געהאַלטן ביי די הענט. צו וואָס־זשע האָט מען געדאַרפט האָבן אָט־די אומזיניקע תקנה, וועלכע האָט פון ביידע צדדים, פונעם באַזוכער און דעם באַזוכטן, געמוזט באַטראַכט ווערן ווי אַן אַכזריותדיקע?

באַלד נאָכדעם האָב איך געזען מיין נאָמען אויף דער רשימה פון די באַזוכטע און איך האָב זיך באַלד געקאָנט איבערצייגן, אַז אַלעס, וואָס מ'האָט מיר געהאַט איבערגעגעבן, איז געווען דער ריינער אמת. ווען מיר זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אינעם צימער פון די באַזוכן און איך האָב געזען די לאַנגע טישן מיטן ברעט אינ־דערמיט, בין איך געוואָרן אויפגעטראָגן. איך האָב זיך תיכף געווענדט צום אָפי־ציר, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך, און אים העפלעך געבעטן איבערצו־

געבן מיין פרוי אינדרויסן, אַז ביי אַזעלכע באַדינגונגען ווי דער וויזיט דאַרף פאָר־קומען, מוז איך, צום באַדויערן, זיך אָפּזאָגן פון איר באַזוך.

דער אָפיציר, אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, וועלכער האָט געהאַט אַ שם ווי אַ מענטש מיט אַ סך טאַקט, האָט מיך אָנגעקוקט מיט שטוינונג און מיך אַ פרעג־געטאָן:

— פאַרוואָס? וואָס האָט פּאַסירט?

— ווייל איך האָב צו פיל דרך־ארץ פאַר מיין פרוי און איך וויל זי נישט אויסשטעלן צו דער דערנידעריקונג פון אַזאַ באַזוך, — איז געווען מיין ענטפער.

מ׳האָט דערקענט אין אים, אַז ער פילט זיך אַביסל פאַרלוירן און ער האָט זיך אָנגערופן צו מיר:

— דאָס איז דאָך די תקנה פונעם קאָמאַנדאַנט און איך קאָן גאָרנישט טאָן צו דעם און גאָרנישט ענדערן.

— יאָ, איך ווייס, אַז דאָס איז אַזוי און ס׳איז לגמרי נישט מיין כוונה אייך צו מאַכן אַ פּערזענלעכן פאָרוואָרף. אָבער ווי אַ מענטש וועט איר פאַרשטיין מיין צו־גאַנג צו אָט־דעם ענין.

— אָבער באַרעכנט זיך פונדעסטוועגן, וואָס איר טוט, — האָט ער געזאָגט צו מיר. — אייער פרוי וואַרט שוין פון זינט עטלעכע וואָכן מסתמא זיך צו קאָנען זען מיט אייך און איצט נעמט איר און גרייט איר צו אַזאַ ביטערע אַנטוישונג. איך וועל זען אייך צו העלפן אינוויוויית איך קאָן. זייט אַזוי גוט און זעצט זיך אַוועק ביים עק פונעם טיש.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער מענטש איז געווען גערעכט. פאַר מילין און דעם יינגעלע וואָלט עס זיכער געווען אַ שווערער קלאַפּ זיך אומצוקערן אַהיים און מיך נישט צו האָבן געזען.

— נו, גוט, — האָב איך געזאָגט, — אַזוי אַרום וועל איך איר אַליין זאָגן, אַז זי זאָל מיך מער נישט באַזוכן.

מיינע מיטגעפאַנגענע האָבן נישט פאַרלוירן קיין וואָרט פון אָט־דעם שמועס און מ׳האָט געקאָנט דערקענען פון זייערע פּנימער, אַז מיין אויפפיר האָט זיי באַפרידיקט.

באַלד נאָכדעם זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרן די באַזוכער. מילי און אונדזער זינעלע האָבן באַלד געוואָלט צולויפן צו מיר. אָבער אַ זעלנער האָט זיי דערקלערט, אַז דאָס איז פאַרווערט און ער האָט זיי אָנגעוויזן זייער פּלאַץ. דער אָפיציר, וועלכער האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען זיין בליק פון אונדז, האָט צוגערופן דעם זעלנער און צו אים געזאָגט עטלעכע ווערטער. נאָכדעם האָט זיך דער זעלנער שטי־לערהייט אָפּגערוקט אין אַ זייט.

מילי האָט באַלד פאַרשטאַנען די גאַנצע לאַגע, און אַזוי ווי ס׳איז פאַר איר אויך נישט געבליבן פאַרהוילן מיין אויפרעגונג, האָט זי געזוכט מיך צו באַרואיקן. איך האָב איר דערקלערט בקיצור, וואָס דאָ האָט פּאַסירט. איך האָב זיך אָבער גע־מוזט אָפּגעבן מיטן יאַטל, וועלכער האָט געשטעלט אַזוי פיל פראַגעס און בעיקר

געוואַלט וויסן, ווען איך וועל ווידער אַהיימקומען. ס׳איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז מיר האָבן ביי אַזעלכע אומשטענדן נישט געקאָנט הנאה האָבן פון אונדזער זעונג.

אינעם טאָג, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר קאָרעספּאָנדענץ, ווען ס׳איז נאָך ביי מיר געווען פריש דער איינדרוק פון דער לעצטער פאַסירונג ביים וויזיט, האָב איך געשריבן אַ בריוו צו מילין, אין וועלכן איך האָב זי געבעטן, נישט צו מאַכן קיין ווייטערדיקע באַזוכן, ווייל אינעם אופן ווי זיי קומען איצט פאַר, זיינען זיי נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ פּשוטער גרויזאַמער חוזק פון דער מענטשלעכער חשיבות. איך האָב נאַטירלעך געוווּסט, אַז דער צענזאָר וועט אַזאַ בריוו בשום אופן נישט דורכ־לאָזן. ער וועט אים אפשר צושיקן צום קאָמאַנדאַנט און ער וועט מיך אפשר גאָר רופן צו זיך און מיסתּמא אויך באַשטראָפן. אָבער טאַקע דאָס האָב איך געוואָלט, ווייל איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן חשק זיך דורכצושמועסן מיט אָט־דעם מענטש, צו וועמעס חסד און קאַפּריזן מיר זיינען געווען אונטערגעוואָרפן.

בערך אין אַ וואָך אַרום נאָך יענעם ערשטן באַזוך האָט מיר דער פירער פון מיין קאָמפּאַניע געלאָזט וויסן, אַז איך זאָל צוגיין אינעם אַזויגערופענעם אָרדערלי רום. „אָרדערלי רום" איז געווען דער פּלאַץ, וווּ דער קאָמאַנדאַנט פלעגט קומען יעדן צווייטן טאָג פון צען ביז האַלב־צוועלף, כדי זיך אַרויסצוזאָגן וועגן צוגעשטעלטע בקשות און ווענדונגען פון געפאַנגענע און אַרויפלייגן שטראָפן אויף יענע, וועלכע האָבן עובר געווען אויף די רעגלאַמענטן פונעם לאַגער.

דידאָזיקע זיצונגען פונעם קאָמאַנדאַנט צוזאַמען מיט אייניקע אָפיצירן האָבן נישט געהאַט קיין גאָר גוטן שם. מחמת די באַשלוסן, וואָס זיינען דאָרט אָנגענומען געוואָרן, זיינען געווען אָפּהענגיק בלויז פון דער שטימונג פונעם אַלטן קאָמאַנדאַנט, וועלכער האָט נאָך גאַנץ אָפט שווער געליטן פון קראַנקייטן. אין די גוטע טעג זיינע פלעגט ער זיך אַרויסשטעלן זייער מענטשלעך און מ׳פלעגט קאָנען עפּעס אויספּועלן ביי אים. טאָמער אָבער איז ער געווען געשטימט שלעכט, אין די „שלעכטע טעג" זיינע, אין וואָס עס פלעגט אָפט שולדיק זיין זיין קראַנקייט, איז דעמאָלסט געווען אוממעגלעך אויסצוקומען מיט אים. ער פלעגט בושעווען ווי אַ חסר־דעהניק, פלעגט שרייען, קלאַפּן מיט זיין שטעקן אויפן טיש און אפילו צו זיינע אייגענע אָפי־צירן פלעגט ער זיך באַנעמען ווי אַ ווילדער. די געפאַנגענע, וועלכע האָבן געהאַט דאָס אומגליק צו דאַרפן אין אַזאַ טאָג זיך פּרעזענטירן אין „אָרדערלי רום", איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין.

נו, האָב איך איצט אַליין זיך געדאַרפט פּרעזענטירן אין „אָרדערלי רום". ס׳איז געווען באַשיימפּערלעך, אַז דאָס איז געווען מיין בריוו, וועלכער האָט מיר פאַרשאַפט דעמדאָזיקן כבוד. דער פירער פון מיין קאָמפּאַניע האָט מיך צוגעפירט צום יאַפּאַ־נישן טעמפּל, אַ קליין הילצערן הייזקעלע אין יאַפּאַנישן סטיל, וועלכעס האָט אין פרידנסצייטן געדינט ווי אַן אָפּפרישונגסאָרט פאַר די באַזוכער פון „אַלעקסאַנדראַ פּעלעס" און ווו דער קאָמאַנדאַנט פלעגט איצט יעדן צווייטן טאָג אַרויסגעבן זיינע באַשלוסן.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען דאָרט אַהין, האָבן מיר שוין געטראָפן צען אָדער

צוועלף געפאנגענע פון אלע דריי באטאליאָנען, וועלכע זיינען געשטאַנען אין אַ זייט און געוואַרט אויפן קאָמאנדאנט. אויף דער אַנדערער זייט איז געזעסן דער צענזאָר מיט עטלעכע אָפיצירן ביי א לאנגן טיש. צווישןביידע אָפטיילונגען איז געווען אַזאַ מין צימער פון בערך דריי אָדער פיר מעטער די ברייט. מיטאַמאָל האָט זיך געלאָזט הערן דער אויסרוף: „דהי קאָמענדענט!" די אָפיצירן האָבן זיך געגעבן אַ האַסטיקן שטעל־אויף און געבליבן שטיין שטייף־אויסגעשטרעקט. א סערזשאנט האָט שנעל מיט איין האנט געעפנט די טיר, בעת ער האָט די אנדערע האנט געהאלטן ביים היטל צום באגריסן. דער אלטער איז אַריין, האָט א באוועג־געטאָן מיט זיין האנט און יעדער איינער האָט פארנומען זיין פלאץ. ווי נאָר ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין שטול, האָט אים דער צענזאָר תיכף פאָרגעלייגט דעם ערשטן פאל. דער אלטער האָט אויסגעהערט אומגעדולדיק און מ'האָט געקאָנט דערקענען אין אים, אז זיין שטימונג איז נישט קיין פויגלדיקע. די איינצלנע פאלן זיינען דערליידיקט געוואָרן אויף גיך, אייניקע בלויז מיט א לאקאָנישן יאָ אָדער ניין, אָן שום קאָמענטאַרן.

לסוף האָט דער צענזאָר אויסגערופן מיין נאָמען. איך בין צוגעגאנגען צום קאָמאנדאנטס טיש. ער האָט לכתחילה אפילו נישט געקוקט אויף מיר און מיט גרויס אויפמערקזאמקייט געלייענט א בריוו, וועלכן איך האָב באלד דערקענט ווי מיינעם. ווען ער האָט פארענדיקט לייענען, האָט ער זיך אָנגעשפארט מיטן רוקן אין זיין שטול און מיך אָנגעמאָסטן מיט א דורכדרינגענדיקן בליק.

מיטאַמאָל האָט ער זיך געגעבן אַ ווענד צו מיר:

— האָט איר געשריבן דעם־אָ בריוו?

איך האָב אויף זיין פראגע געענטפערט, אז יאָ.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט גרימצאָרן. נאָכדעם האָט ער גענומען קלאפן מיטן שטעקן אויפן טיש, אז ס'האָט אזש אָפגעהילכט, און ער האָט זיך צעשריגן:

— איך האלט אייער פארשאָלטענעם בריוו פאר אן אומפארשעמטקייט. וואָס האָט איר זיך געטראכט, ווען איר האָט אים געשריבן?

אַ ביטער וואָרט איז שוין געלעגן אויף מיינע ליפן, גרייט אַרויסגעזאָגט צו ווערן. איך האָב זיך אָבער באצייטנס איינגעהאלטן און געזאָגט:

— דאָס, וואָס איך האָב דאָ געשריבן, איז געווען דער אויסדרוק פון מיין אינערלעכסטן געפיל און איך וואָלט נאָך היינט אויך געטאָן דאָסזעלביקע.

אַלע זיינען געוואָרן אויפמערקזאם. דער צענזאָר און די אָפיצירן האָבן מיך באטראכט מיט נייגעריקע בליקן. קאָנטיק, אז ביז איצט האָט זיך קיין שום געפאַנ־גענער נישט איינגעשטעלט אזוי צו רעדן און צו פארטרעטן זיין קוק אויף זאכן אין דער קעגנוואַרט פונעם אלטן קאָמאנדאנט. ער אַליין אָבער האָט ערשט פונדאָסניי זיך צעקאָכט און זיך גענומען שרייען אויף מיר:

— איר דערוועגט זיך אין אייער בריוו צו רעדן וועגן גרויזאמקייט. ווילט איר דערמיט אַרויסברענגען, אז איך האָב אייך באהאנדלט גרויזאם?

— איך בין בשום אופן נישט אויסן געווען אייך פערזענלעך צו באַשולדיקן אין

גרויזאַמקייט, — האָב איך געזאָגט רואיק. — איך האָב מיט אָט־דעם וואָרט בלויז געוואָלט אָנווייזן אויפן סיסטעם, וועמעס פאַרשטייער איר זיינט.

— און אין וואָס באַשטייט די גרויזאַמקייט, וועלכע מ׳איז קעגן אייך מכלומרשט באַגאַנגען? — איז ער מיר אומגעדולדיק אַריינגעפאַלן אין די רייד.

— ווייל ביים באַזוך פון מיין פרוי איז מיר פאַרווערט געוואָרן איר צו דערלאַנגען די האַנט און צוצירירן זיך צו מיין קינד, — האָב איך געזאָגט. — איך באַטראַכט דאָס ווי אַכזריותדיק, ביפּרט נאָך, וואָס נישט אין „אָלימפּיאַ״ און נישט אויף דער שיף „ראָיאַל עדוואַרד״ האָט מען אויף אונדז אַרויפגעלייגט אַזאַ צוואַנג.

נו, איצט איז דער אַלטער מיליטערמאַן אַזוי אויפגעקאָכט געוואָרן, אַז ער איז שיער אַרויס פון די כלים.

— וואָס גייט מיך אָן די „אָלימפּיאַ״! וואָס גייט מיך אָן די „ראָיאַל עדוואַרד״! — האָט ער זיך צעשריגן ווי אַ משוגענער. — איך מוז אָננעמען מיינע אייגענע מיטלען, כדי נישט צו דערלאָזן צו קיין קאָנטראַבאַנד. אייער בריוו איז אומזיניק. און ווייסט איר, אַז איך קאָן אייך דערפאַר שטרענג באַשטראָפן?

איך האָב אים פעסט אַריינגעקוקט אין די אויגן און רואיק געזאָגט צו אים:

— איך ווייס, אַז איר קענט מיך באַשטראָפן. איך בין איצט נישט מער ווי אַן אומבאַשיצטער מענטש, וועמען דער גורל האָט איבערגעגעבן אין אייערע הענט. אָבער אייער שטראָף וועט נישט זיין אימשטאַנד צו ענדערן מיין אינערלעכע איבערצייגונג. איך האַלט אפילו, אַז איר אין מיין לאַגע וואָלט פונקט אַזוי געפילט ווי איך.

אויף די פּנימער פון די אָפיצירן האָט זיך געמערקט אַן אויסדרוק פון סימפּאַטישן מיטגעפיל. בלויז דער סערזשאַנט האָט אויסגעזען גלייכגילטיק, ווי דער גאַנצער עיניין וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען. דער קאָמאַנדאַנט האָט מיר צוגעוואָרפן אַ מערקווירדיקן בליק און געשוויגן. נאָך אַ ווײַלע האָט ער צו מיר אַ זאָג־געטאָן מיט אַ גאַנץ פאַרענדערטער שטימע:

— איר האָט דעם בריוו נישט געדאַרפט שרייבן, נאָר זיך געדאַרפט ווענדן דירעקט צו מיר. איך וועל שוין אָננעמען מיטלען, אַז ביים קומענדיקן באַזוך פון אייער פרוי זאָלט איר קאָנען דערלאַנגען די האַנט און צוטוליען צו זיך אייער קינד.

איך האָב אים העפלעך געדאַנקט און זיך געלאָזט אוועקגיין, בעת דער צענזאָר האָט אויסגערופן דעם ווייטערדיקן נאָמען אין דער ריי. מיינע מיטגעפאַנגענע אויף דער אַנדערער זייט, וועלכע האָבן געהערט יעדעס וואָרט, האָבן מיך באַגריסט מיט שטראַלנדיקע אויגן. מיט אייניקע טעג שפּעטער האָט מיר איבערגעגעבן איינער פון מיינע חברים, וועלכער האָט נאָר־וואָס געהאַט אויפגענומען אַ גאַסט, אַז די ברעטער אויף די טישן אינעם אויפנעם־צימער זיינען פאַרשוווּנדן און אַז מ׳האָט דערלויבט די געפאַנגענע זיך אַרומצונעמען מיט זייערע פרויען און קינדער ביים אויפנעם און ביים צעשיידן זיך. די פרייד צוליב אָט־דעם דערפאָלג איז נאַטירלעך געווען גרויס, און אַזוי ווי די מיטגעפאַנגענע, וועלכע זיינען אין יענעם געדענקווירדיקן פאַרמיטיק געווען צוזאַמען מיט מיר אין „אָרדערלי רום״, האָבן אומעטום, אין זייער קרייז, אין

לאַגער, דערציילט וועגן דער סצענע, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן מיר און דעם קאָמאַנדאַנט, בין איך געוואָרן נאָך באַקאַנטער ווי איך בין געווען און פון דעמאָלסט אָן אפילו געוווּנען די סימפּאַטיע פון אַ סך אַזעלכע, וועלכע האָבן פריער געהאַט אַ האַרץ אויף מיר צוליב דער העצע פון אונדזערע פּאַטריאָטן.

באַלד נאָכן אָנקום אין אַלעקסאַנדראַ פּעלעס האָבן זיך אַ סך פון מיינע אַלטע באַקאַנטע פון „ראָיאַל עדוואַרד" געוווּנדערט צו מיר און פון מיר פאַרלאַנגט אויך דאָ אָנצוגיין מיט די רעפּעראַטן. אָט דער פאַרלאַנג איז געווען לייכט צו פאַרשטיין, מחמת ס'איז דאָ אין דער ערשטער צייט נישט געווען גאָרנישט, וואָס זאָל שאַפן עפּעס אַ וואַריאַציע אין דער אייביקער מאָנאָטאָנקייט פונעם לאַגער־לעבן. איך בין געווען גרייט צופרידנצושטעלן דעמדאָזיקן פאַרלאַנג. ס'איז נאָר געווען די פראַגע, ווי אַזוי דאָס זאָל אָרגאַניזירט ווערן. אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד" איז נאָך ווי עס איז מעגלעך געווען צו געפינען אַ פּאַסיק אָרט. אָבער דאָ, וווּ ס'איז פון אָנהויב געווען 800 און שפּעטער אפילו 1200 מענטשן אין זעלביקן זאַל, איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט פאַר דעם. אַזוי זיינען אַריבער עטלעכע וואָכן, ביז מ'האָט אויסגעפונען, אַז ס'איז אין „פּאַלאַץ" פאַראַן אַ גרויסער טעאַטער־זאַל, וווּ מ'פלעגט פאַר דער מלחמה ווייזן פילמבילדער. ס'איז נישט געווען אויסגעשלאָסן, אַז מ'זאָל ביים קאָמאַנדאַנט קאָנען פועלן, ער זאָל אונדז דערלויבן צו באַנוצן דעמדאָזיקן זאַל. איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַן אַזויגערופענער קאָמיטעט פאַר רעפּעראַטן און מיינע פריינט פּאַפּענבערג און קאַרל מויעל האָבן געשיקט צום קאָמאַנדאַנט אַ בקשה וועגן דעם. אין אַ וואָך אַרום זיינען ביידע פאַרבעטן געוואָרן צום קאָמאַנדאַנט, כדי אים איבערצוגעבן גענויערע פּרטים. דער „אַלטער" איז גראָד יענעם טאָג געווען זייער גוט אויפגעלייגט און ער האָט אָן אַ סך רייד באַוויליקט דעם קאָמיטעט צו באַנוצן איינמאָל אין דער וואָך דעם טעאַטערזאַל, ביתנאַי אַז ס'זאָלן נישט באַרירט ווערן קיין פראַגן פון דער אַקטועלער פּאָליטיק און נישט געבן קיין מאָטיוו צו שטערן די רו אינעם לאַגער. חוץ דעם האָט ער באַשטימט, אַז די געפאַנגענע פון אַלע דריי באַטאַליאָנען דאַרפן זיך באַטייליקן ביי די צונויפקומען.

מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, מיט גרויס פרייד באַגריסט אָט־דעם באַשלוס און זיך איינפאַרשטאַנען, אַז איך זאָל פון אָנהייב רעדן בלויז וועגן ריין־ליטעראַרישע טעמעס, ביכדי נישט צו געבן קיין מאָטיוו פאַר קיין קעגנערשאַפט. איך האָב דעריבער באַשלאָסן אָנצוהייבן מיט אַ סעריע רעפּעראַטן אויף דער טעמע „לעוו טאָלסטאָי, ווי אַ קינסטלער און סאָציאַל־פילאָזאָף". אָבער אַזוי ווי אַ סך פון מיינע פריינט, וועלכע האָבן אויף דער שיף „ראָיאַל עדוואַרד" געהערט מיין ערשטן רעפּעראַט וועגן „זעקס כאַראַקטערן אין דער וועלטליטעראַטור", זיינען צו מיר צוגעשטאַנען, אַז איך זאָל אָט־דעם רעפּעראַט געבן נאָכאַמאָל פאַר אַ פיל גרעסערער אוידיטאָריע, בין איך איינגעגאַנגען דערויף.

ווי נאָר אונדזערע פּאַטריאָטן זיינען געוווּיר געוואָרן, וואָס ס'האָט פּאַסירט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שרייען און ליאַרעמען און געסטראַשעט מיט אַלע מיטלען נישט צו דערלאָזן צו מיין רעפּעראַט. אָנגעהויבן האָט זיך דער טומל ביי דער פאַרזאַמלונג

פון די פירער פון די קאָמפּאַניעס. ווו אייניקע פון אָט־די פאַרשווינען האָבן דעם פירער פונעם באַטאַליאָן, קאָלין, געמאַכט דעם שאַרפסטן אויסרייד, הלמאַי ער האָט צוגעהאָלפן דערצו, אַז אַ בפירושער אַנאַרכיסט זאָל קאָנען אָנגיין מיט זיין פּראָפּאַגאַנדע אינעם לאַגער. זיי האָבן פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל פועלן ביים קאָמאַנדאַנט בטל צו מאַכן זיין באַווייליקונג. ווען קאָלין האָט זיי געענטפערט, אַז קיינער האָט נישט קיין רעכט צו פאַרלאַנגען פון אים צו קומען צום קאָמאַנדאַנט מיט אַזאַ פאַרלייג, נאָכדעם ווי יענער האָט שוין באַוויליקט די רעפעראַטן, האָט מען אים געמאַכט אַ פאָרוווּרף, אַז ער האָט אויף אַ מיאוסן אופן פאַרוואַרלאָזט זיין פליכט ווי אַ פאַרטרעטער פונעם באַטאַליאָן דערפאַר, וואָס ער האָט נישט פאַרלאַנגט פון מיר אָן אָנגעשריבענעם צימצום פונעם צוגעגרייטן רעפעראַט, כדי אים פאַרצולייגן צו דער באַשטעטיקונג פון די פירער פון די קאָמפּאַניעס איידער ער האָט דעם עיניין איבערגעשיקט צום קאָמאַנדאַנט.

דידאָזיקע אומגלויבלעכע חוצפה האָט אויפגעבראַכט קאַרלן, וועלכער האָט זיך באַטייליקט ביי דער פאַרזאַמלונג פון די קאַפּיטאַנען ווי אָן אַזויגערופענער „מעס־לידער", און אים באַוויגן אוועקצושטעלן פאַרן אָנגעבלאָזענעם אינדיק, וועלכער האָט געהאָט די העזה אַרויסצוקומען מיט אַזאַ מין אומפאַרשעמטן פאַרלאַנג, צי ער מיינט באמת, אַז ס'איז גענוג צו זיין אַ פירער פון אַ קאָמפּאַניע, ביכדי זיך צו קאָנען אַרויסזאָגן וועגן פראַגן פון סאָציאַלן, פילאָזאָפישן און ליטעראַרישן כאַראַקטער. „עס איז נישט מיין כוונה — האָט ער געזאָגט אויף זיין בייסיק־שאַרפן שטייגער — צו צווייפלען אין די גייסטיקע פעיקייטן פון אַזעלכע מענטשן ווי איר, אָבער איך וואָלט אייך פונדעסטוועגן נישט געוואָלט זען פאַרנעמען שטעלעס ווי עקספּערטן איבער עינינים, וועגן וועלכע איר האָט אפשר במשך פון אייער גאַנצן לעבן גאָרנישט געהערט".

דידאָזיקע שפּאָטישע באַמערקונג האָט צוגעגאָסן נאָך מער בוימל אויפן פייער פון ברויז. דער וויכוח איז געוואָרן אַלץ שאַרפער, ביז די פאַרזאַמלונג איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען אָן אַ הסכם.

מיין רעפעראַט האָט געזאָלט פאָרקומען דעם 21טן יוני. אָבער אַ טאָג פאַר דעם האָט מיר קאָלין געלאָזט וויסן, אַז די הוראַפּאַטריאָטן אונדזערע האָבן איבערגעגעבן דעם קאָמאַנדאַנט זייער קעגנערשאַפט צו מיין רעפעראַט און אים דערקלערט, אַז מיינער אַ רעפעראַט וועט זיכער זיין אַ סיבה פון אומרוען אין לאַגער. האָט דעריבער דער „אַלטער" צוריקגעצויגן זיין באַוויליקונג.

ווען די זאַך איז באַקאַנט געוואָרן אינעם באַטאַליאָן, האָט זיך אויפגעהויבן אַן אמתער שטורעם פון אויפברויז, וועלכער איז געווען נישט ווייט פון בונט. ס'האָט זיך דערביי אַרויסגעוויזן גאַנץ דייטלעך, אַז די גרויסע מערהייט פונעם באַטאַליאָן איז געווען אויף אונדזער זייט און איז נישט געווען געניינגט זיך אונטערצוגעבן דער אומגעבעטענער אַפּוטרופּסות פון אַ לעכערלעכער קליקע, וועמעס אומפאַרשעמטער שטאָלץ האָט אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט אין גאַנצן לאַגער. אויף אַזאַ אויסדרוק פון אויפברויז קעגן זיי האָבן זיך די „פיינע לייט" נישט געריכט. זיינען זיי געוואָרן

אַביסל געפאַלן ביי זיך און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן, ווי אַזוי זיך צו האַלטן. אין זייער גויט האָבן זיי געשיקט צו מיר ווי אַ בורר אַ געוויסן הער בוראַנדט, וועלכער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז פון היינט און ווייטער וועט מען מער נישט אָנגיין מיט קיין שום קאָמפּאַניע קעגן מיר, ביכדי ס׳זאָל ווידער הערשן שלום ושלווה אינעם באַ־טאַליאָן. ער האָט זיך אַפילו דערקלערט גרייט אונטערצושרייבן אַ פּעטיציע פון דער קאָמיסיע פאַר רעפּעראַטן צום קאָמאַנדאַנט צו דערלויבן מיינע רעפּעראַטן און מיך געוואָלט איבערצייגן, אַז דער פּראָטעסט פון זיינע פריינט איז נישט געווען געווענדט קעגן מיר פּערזענלעך, נאָר בעיקר קעגן קאָלינען. ס׳איז געווען אַ פּשוט בעבעכדיקע סצענע. וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפערן? איך האָב אים איינפאַך געזאָגט, אַז פאַר מיר זיינען גלייכגילטיק זיינע פריינדס אַלע פּראָיעקטן און איך קאָן זיי בלויז עצהן נישט צו מישן זיך אין מיינע קרייזן און אונדז נישט שטערן.

צומאָרגנס האָבן מיינע פריינט געזאַמלט אונטערשריפטן פאַר אַ פּעטיציע צום קאָמאַנדאַנט און אים נאָכאַמאָל געבעטן צו באַוויליקן מיינע רעפּעראַטן. די פּעטיציע האָט געהאַט 679 אונטערשריפטן. פון די 13 פירער פון די קאָמפּאַניעס האָבן אונ־טערגעשריבן 9. מיט אייניקע טעג שפּעטער האָט דער קאָמאַנדאַנט געגעבן דאָס צווייטע מאָל זיין באַוויליקונג.

ווען איך האָב ענדלעך, דעם 12טן יולי, געקאָנט געבן מיין ערשטן רעפּעראַט, איז דער טעאַטער־זאַל געווען געפּאַקט. אַפילו אַ סך פון די שטאַרקסטע קעגנער מיינע זיינען געקומען. קיין פייערדיקע רעדע, ווי זיי האָבן געמיינט צו הערן, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, נישט געהערט און אייניקע פון זיי איז אפשר אויפגעקומען אינעם געדאַנק, אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַ נאַרישקייט. ס׳איז נישט געווען קיין שום ספק, אַז דער נאַרישער אויפפיר פון דידאָזיקע לייט און זייער אידיאָטישע שינאה קעגן יעדער מיינונג, וועלכע איז נישט געווען דיזעלביקע ווי זייערע, האָט זיכער צוגעע־האָלפן דערצו, אַז אונדזער אַרבעט זאָל זיין באַשערט אַזאַ אויסגעצייכנטע הצלחה.

## פלענער צו אַנטלויפן. בונט אינעם לאַגער

אין מיטן יולי האָט דער בישאָף פון לאָנדאָן געמאַכט אַ באַזוך ביי אונדז. ער האָט אין זאַל פונעם טעאַטער געהאַלטן פאַר אונדז אַ קורצע רעדע, וועלכע האָט זיך דווקא נישט אויסגעצייכנט דורך טיפזיניקייט פון זיינע געדאַנקען. ס׳איז געווען די אַלטע געשיכטע פון דער געטלעכער השגחה, וועלכע האָט אַראָפּגעשיקט אויף דער זינדיקער מענטשהייט די שטראָף פון דער מילחמה, ביכדי זי אַרויפצופירן אויפן דרך־הישר. די אָרעמע השגחה! צו וואָס זי מוז דאָס אַלעס פאַרוועגדט ווערן. מיר זיינען אין יענער צייט איבערהויפּט גאַנץ אָפּט באַזוכט געוואָרן פון פרומע לייט פון אַלערליי שאַטירונגען. אַזוי האָט זיך אין איינעם אַ טאָג באַוויזן אין לאַגער אַ מיסיאָנער און פאַרטיילט צו אַלע געפאַנגענע אָפּגעדרוקטע פּאָסטקאַרטלעך, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט אונטערשרייבן. יעדעס קאַרטל איז געווען אַדרעסירט צו „קריסטוס, דער דערלייזער פון אַלע חטאים״, און האָט געדאַרפט אָפּגעשיקט ווערן אין ביוראָ פון עפּעס אַ פרומער געזעלשאַפט אין לאָנדאָן. ווי אַזוי יענע גע־זעלשאַפט וועט דערנאָך איבערשיקן די קאַרטלעך צו דעם, צו וועמען זיי זיינען געווען געווענדט, וועגן דעם האָט זיך, צום באַדויערן, גאָרנישט געזאָגט.

אויך מיט פרומע טראַקטאַטלעך זיינען מיר כימעט יעדן טאָג פאַרפלייצט געוואָרן, און געקומען זיינען זיי נישט נאָר פון ענגלאַנד, נייערט אויך פון דייטש־לאַנד, און ווען אפילו בלויז אַ טויזנטסטל טייל פון די פרומע ווערטער, וועלכע זיינען פאַרשווענדט געוואָרן פאַר אונדזער בריאות הנשמה, וואָלט מקוים געוואָרן, וואָלט זיכער יעדער איינער פון אונדז געשטאָרבן ווי אַ הייליקער. צום באַדויערן אָבער איז די ווירקונג געווען אַ גאַנץ אַנדערע. אין איינעם אַ טאָג, ווען מיר זיינען צוריקגעקומען פון קאָמפּאַונד אין לאַגער אַריין, האָט יעדער פון אונדז געפונען אויף זיין געלעגער אַ קליינע בראָשורקע, וועמעס טיטל ס׳איז געווען: „דריי בריוו, — אַן אָפן וואָרט און אַן ערנסטער גרוס צו אונדזערע דייטשע לאַנדסלייט אין די בריטישע לאַגערן פון די קריגסגעפאַנגענע״. די דריי בריוו זיינען געווען פון אַ דייטשן פּאַסטאָר, פון אַ דייטשער פרוי און אַ דייטשן מעדיצינער און זיי זיינען אויסן געווען אונדז אויסצוהיטן פון סעקסועלער דעמאָראַליזאַציע. „ווי איך האָב געהערט, האָט איר אין דער אומטעטיקייט פון אייער איצטיקן לעבן צו קעמפן און אויסצושטיין מאָראַלישע נסיונות, וועלכע קאָנען ווירקן שלעכט אויף אייער קער־פּער און גייסט. ווי אַזוי דאָס האָט מיך צעטרייסלט, ווי אַ פרוי און מוטער פון יונגע

קינדער, דאָס בין איך לגמרי נישט אימשטאַנד צו באַשרייבן. אין מיר איז אויפגע־קומען דער ברענענדיקער ווונטש אייך צו העלפן. אָבער ווי אַזוי?" אאַ"וו.

איך וואָלט בלויז געוועזן געוואָלט, אַז די באַרעמהאַרציקע דאָמע זאָל געווען האָבן אַ געלעגנהייט צו קאָנען הערן די אַזוי אָפטע האַרבע און שאַרפע קאָמענטאַרן, וועלכע איר בריוו האָט אַרויסגערופן ביי מיינע מיטגעפאַנגענע. איך בין איבערצייגט, אַז זי וואָלט זיך געווען באַנוגנט מיטן קאַמף מיט אירע אייגענע נסיונות און איבערגעלאָזט פאַר אונדז אַליין די זאָרג פאַר אונדזער אייגענער מאָראַל.

אין צווישנצייט איז די אַלגעמיינע שטימונג אין לאַגער געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ געשפאַנטער. כימעט יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע גזירות, וועמעס צוועקלאָזי־קייט איז אין רוב פאַלן געווען אַזוי באַשיימפערלעך, אַז זיי האָבן פון די געפאַנ־גענע געמוזט באַטראַכט ווערן ווי אַ כסדרדיקע דערנידעריקונג פון זייער מענטשלע־כער חשיבות. אָט איז אַ ביישפּיל: אין אַ געוויסן טאָג האָט דער צענזאָר, דורך אַן אויפשריפט אויפן „שוואַרצן טאַוול", געלאָזט וויסן, אַז די געפאַנגענע זאָלן צו וויסן געבן זייערע קרובים אינדרויסן, אַז זיי זאָלן אין זייערע בריוו זיין אַזוי צימצומדיק, אַזוי קורץ ווי דאָס איז נאָר מעגלעך, ווייל נאָך די קומענדיקע צוויי וואָכן וועט מען די לענגערע בריוו ביכלל נישט איבערגעבן צו די געפאַנגענע. אָט־די גזירה איז געווען נאָך אומזיניקער דערפאַר, וואָס סיי־ווי פלעגן דאָך אונ־דזערע בריוו אויך פריער פאַרהאַלטן ווערן דורכן צענזאָר במשך פון וואָכן, אַזוי אַז די געפאַנגענע זיינען נישט געווען אימשטאַנד צו לאָזן וויסן זייערע קרובים אין צייט וועגן דער נייער פאַראָרדענונג. און חוץ דעם האָבן אַ סך געפאַנגענע געהאַט קרובים אין ווייטע לענדער, אַזוי אַז ס'האָט אפילו נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן צוזאַמענרעדן זיך מיט זיי אין משך פון צוויי וואָכן.

אַ ספּעציעלער אויסטערלישער פאַל האָט פּאַסירט מיט איינעם אַ געפאַנגענעם פון מיין קאָמפּאַניע, אַ געוויסן מאַקס גראַהע. ער האָט געהאַט געוווינט אין בוענאָס איירעס, וו ער האָט געהאַט אַ קלייטל. אַ שווערע פיזישע קראַנקייט האָט אים באַוויגן אין יולי 1914 צו פאָרן קיין בערלין, כדי זיך דאָרט צו לאָזן אָפּערירן. אין צווישנצייט איז אויסגעבראָכן די מילחמה און גראַהע איז אויפן וועג, פונקט ווי אַ סך אַנדערע, געפאַנגען געוואָרן, און אַנשטאָט אָנצוקומען קיין בערלין, האָט ער אָנגעשפּאַרט אין אַ קאָנצענטראַציעלאַגער. דריי וואָכן נאָך דער דערמאָנטער גזירה האָט אים דער צענזאָר מודיע געווען, אַז ס'זיינען אָנגעקומען פון זיין פרוי פון בוענאָס איירעס דריי בריוו, וועלכע מ'קאָן אים נישט איבערגעבן, ווייל זיי זיינען צו לאַנג. אומזיסט זיינען געווען אַלע זיינע טענות, אומזיסט דער אַרגומענט פאַרן צענזאָר, אַז אפילו אין נאָרמאַלע צייטן דויערט אַ בריוו פון ענגלאַנד קיין אַרגענטינע דריי וואָכן צייט, — דער צענזאָר האָט זיך געהאַלטן ביי זיינעם און גראַהען נישט געוואָלט איבערגעבן די בריוו פון זיין פרוי.

נאָר ווער עס ווייסט, וואָס אַזוינס עס האָט באַטייט פאַר אונדז אַ ידיעה פון אונדזערע מישפּחות, דער קאָן באַגרייפן, וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָט געמוזט האָבן אויף אונדז אַזאַ מין גרונטלאָזע אייגנוויליקייט. קיין שום זאַך איז נישט

אימשטאַנד אַזוי שטאַרק און אַזוי טיף צו באַרירן און צו באַקלעמען די געפילן פון אַ מענטשן ווי אַזאַ מין באַשיימפּערלעכע אָפּחוזקונג פון יעדן מיין געזונטן שכל־הישר. און היות אַזעלכע און ענלעכע ענינים האָבן זיך אַלץ אָפטער איבערגעחזרט, האָט עס שוין געמוזט קומען דערצו, אַז די אויפגעבראַכטקייט אין לאַגער זאָל כסדר וואַקסן און ווערן שטאַרקער. יעדער איינער, ווער ס'האָט נאָך אָפענע אויגן צו אָב־סערווירן, האָט געמוזט פאַרשטיין, אַז דער שטילער און צוריקגעהאַלטענער גרימצאָרן וועט ווען עס איז מוזן קומען צום אויסדרוק.

פאַר מיר פּערזענלעך איז די לאַגע געוואָרן אַלץ אומדערטרעגלעכער. מיין גאַנצער געפיל האָט זיך געבונטעוועט קעגן אָט־דער אידיאָטישער אַרויפצווינגונג פון אַ באַשטענדיקער אַפּוטרופּסות און אומאויפהערלעכער דערנידעריקונג, וועל־כע האָט געמוזט פאַרביטערן דאָס לעבן פון יעדן מענטשן מיט אַביסל רעספּעקט צו זיך אַליין. דאָס אַלץ האָט געפירט דערצו, אַז ס'זאָל זיך ביי מיר פאַרשטאַרקן דער געדאַנק וועגן אַ פּרווו צו אַנטלויפן, אַ געדאַנק, וועלכער האָט זיך לסוף פאַרוואַנדלט אין אַ פעסטן באַשלוס. צו אַנטלויפן פונעם „פּאַלאַץ" האָט זיך מיר נישט אויס־געוויזן זייער שווער. פיל שווערער איז געווען דער ענין צו געפינען אינדרויסן אַ פּאַסנדיקן פּלאַץ ווו זיך אויסצובאַהאַלטן, אַז די פּאָליציי זאָל מיך נישט קאָנען געפינען. איך האָב דאָך גוט פאַרשטאַנען, אַז גראָד מיין אַנטלויפן וועט אַרויסרופן אַ גרויסן טומל און אַז די פּאָליטישע פּאָליציי וועט נישט אויסלאָזן קיין שום מיטל מיך פונדאַסניי צו באַקומען אין אירע הענט אַריין. אָבער דווקא אָט־אַזאַ ניצחון וואָלט איך די הערן פון „סקאָטלאַנד יאַרד" נישט געוואָלט פאַרגינען.

איך בין געווען זיכער, אַז מיינע פריינט אינדרויסן וועלן פאַר מיר געפינען אַ זיכער באַהעלטעניש. אָבער דערמיט זיינען נאָך ווייט נישט געווען באַזייטיקט אַלע שוועריקייטן. קיינער האָט נישט געקאָנט וויסן, ווי לאַנג די מילחמה וועט דויערן. און ס'איז נישט געווען אויסגעשלאָסן, אַז אפילו אין זיכערסטן באַהעל־טעניש זאָל פאַר מיר דער אויפהאַלט ביי אַזעלכע אומשטענדן ווערן אומאַנגענעמער און שווערער ווי די געפאַנגענשאַפט גופא.

וואָלט מען, בכן, פריער געדאַרפט געוואויר ווערן, צי ס'איז פאַראַן אַ מעגלעכ־קייט צו קאָנען פאַרלאָזן ענגלאַנד און אפשר מיט דער הילף פון פריינטלעכע מאַטראָזן קאָנען אָנקומען אין אַ נייטראַל לאַנד. ערשט ווען ס'זאָל זיין אַזאַ מעג־לעכקייט, וואָלט איך געקאָנט נעמען טראַכטן וועגן פּרטים דורכצופירן מיין פּלאַן. אָבער ביכדי דאָס אַלעס געוואויר צו ווערן, וואָלט געווען אומבאַדינגט נייטיק זיך געגנוי דורכצורעדן מיט אייניקע צוטרוילעכע חברים אין דרויסן. אָבער ווי אַזוי קאָן מען דאָס באַווייזן? בשעת די באַזוכן איז נישט מעגלעך געווען צו טראַכטן אפילו צו קאָנען רעדן וועגן דעם; אפילו נישט וועגן געבן בלויז אָנצוהערן וועגן אַזעלכע געפערלעכע ענינים. מ'האָט געקאָנט אַרויסשמוגלען אַ בריוו. אָבער אויך דאָס איז נישט געווען קיין פּשוטער ענין, ווייל ווען אַזאַ בריוו זאָל אַריינפאַלן אין די הענט פון אַן אומבאַרופענער פּערזאָן, וואָלט עס דעם מענטשן, פאַר וועמען ער איז באַשטימט, זיכער אומגליקלעך געמאַכט. איז, בכן, געבליבן אַן איינאיינציק

מיטל; עמעצער וואָלט גערדאַרפט פּרוּוון צו אַנטרינען אויף איין נאַכט פונעם לאַגער און מיט מיינע פריינט אינדרויסן אָפּרעדן אַלע פּרטים פונעם פּלאַן. נאָכן פּאַרטיק ווערן מיט זיין אַרבעט, וואָלט ער אין דערזעלביקער נאַכט זיך געדאַרפט צוריק אַריינ־גנבענען אין לאַגער מיטן רעזולטאַט פון זיין דורכשמועס. קיין אַנדערער וועג איז נישט געווען. איך אַליין האָב אָט־דעם איינשטעלערישן פּרווו נישט געקאָנט מאַכן, ווייל איך בין אין לאַנדאַנער איסט־ענד געווען צו שטאַרק באַקאַנט און דער מינד־סטער צופאַל וואָלט געקאָנט מאַכן אַ תל פונעם גאַנצן פּלאַן. נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט גוט נאָכגעטראַכט וועגן דעם ענין און פאַרשטאַנען, אַז ס'איז גוט אַזוי, האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבעט, ביי וואָס ס'איז מיר, אגב, געקומען צו הילף אַ גאַנץ מערקווירדיקער אומשטאַנד.

צווישן מיינע נענטערע חברים אין דער געפאַנגענשאַפט האָט זיך געפונען אַ יונגער האַמבורגער, אַוגוסט לודאָלף אַרנדט, אַ יאַט מיט אַ מוטיקן און אויס־געצייכנטן כאַראַקטער. איך האָב זיך באַקענט מיט אים נאָך אין „אָלימפּיאַ" און באַלד געקאָנט באַמערקן, אַז מיינע מיינונגען וועגן קריג און וועגן אַנדערע ענינים האָבן אויף אים געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. אין פאַרלויף פון אונדזער זיין צוזאַמען האָט ער זיך אַלץ מער פאַרטיפט אין דער אידעאָלאָגיע פונעם פרייהייטלעכן סאָ־ציאַליזם און ער איז ביסלעכווייז געוואָרן אַן איבערצייגטער אָנהענגער פון אונדזער באַוועגונג. אַרנדט איז געווען אַ הויכאינטעליגענטער מענטש, וועלכער האָט געהאַט באַקומען אַ גוטע דערציִונג און איז געווען ווי ספּעציעל באַשאַפן צו זיין אַ פאַר־שפּרייטער פון אונדזערע אידעען. ער איז געווען זייער רואיק, אפילו אַביסל איינגע־האַלטן און איינגעשלאָסן אין זיך, אָבער איינצייטיק דרייסט און איינשטעלעריש. איך האָב געוווסט, אַז איך מעג זיך אויף אים פאַרלאָזן מיט דער גאַנצער זיכער־קייט, ווייל ער האָט געקאָנט האַלטן אַ סוד.

איך האָב אים איבערגעגעבן וועגן מיין פּלאַן, אַן וועלכן ער האָט זיך אָנגעג־כאַפּט מיטן גאַנצן לייב און לעבן און דערקלערט זיין גרייטקייט דורכצופירן אָט־דעם גאַנג אין שטאָט אַריין, ווען נאָר ס'וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט פאַר דעם. צו מיין איבעררַאשונג האָט ער מיר אין דערזעלביקער צייט דערציילט, אַז ער האָט אויפן פּלאַץ, וואָס איז באַשטימט צום וואַשן, אַנטדעקט אַן אָרט, וועלכעס האָט געררופן זיין אויפמערקזאַמקייט דורך דעם טעמפּן אָפּקלאַנג בעתן גיין, אַ סימן פון הוילקייט אונטן. אָט־די שטעלע איז פאַרקלאַפּט מיט בלויז צוויי קורצע ברעטער, און אַזוי ווי ער אַליין, ווי ער האָט מיר דאָס פריער געהאַט אָנפאַרטרויט, האָט זיך אויך אַרומגעטראָגן מיט פּלענער צו אַנטלויפן, האָט ער אין איינער אַ נאַכט אויפגעהויבן איינס פון די ברעטער און זיך איבערצייגט, אַז אונטן איז פאַראַן אַ פוסטער פּלאַץ, אין וועלכן מ'קאָן זיך פריי באַוועגן. ווייטער איז ער נישט געגאַנ־גען, ווייל אָן עמעצנס הילף האָט ער סיי ווי גאָרנישט געקאָנט טאָן.

האָט זיך קודם־כל געהאַנדלט וועגן אַ גענויערער אויספאָרשונג פון אָט־דעם פּלאַץ, כדי צו זען, צי ער קאָן אונדז דינען ווי אַן אַרויסגאַנגספּונקט פאַר אונדזער פּלאַן. פאַר דעם צוועק האָבן מיר זיך געמוזט פאַרשאַפן אַ ליכט, כדי אים צו באַ־

לייכטן. מיר האָבן דאָס באַוויזן און ס׳האָט זיך באַלד אַרויסגעשטעלט, אַז דער פּלאַץ אונטערן פּאָל איז געווען אַזאַ מין קאָרידאָר, וואָס האָט געפירט דירעקט צו דער אונטערערדישער באַן. פאַר דער מילחמה האָט דער „אַלעקסאַנדראַ פּעלעס״, ווי אַן אויסשטעלונגס־זאַל, געהאַט אַ ספּעציעלע סטאַנציע. אָבער זינט דער „פּאַלאַץ״ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אינטערנירונגסלאַגער, גייען מער נישט אַריין קיין באַנען. אין אַ צווייטער נאַכט האָבן מיר באַוויזן אויסצוגעפינען, אַז פון יענעם קאָרידאָר קאָן מען לייכט אַנקומען אינעם טונעל, וועלכער פירט צו דער סטאַציע וואוד גרין און פון דאָרטן קאָן מען דורך אַזאַ מין ליכטיקער שאַכטע לייכט אַרויסקומען אינדרויסן. די זאַך איז, הייסט עס, געווען גינציקער ווי מיר האָבן געקאָנט דערוואַרטן.

אַזוי ווי אַרנדט האָט פאַרשטאַנען וויניק ענגליש, האָב איך פאַר אים אָנגעצייכנט אַ פולשטענדיקן פּלאַן, ווי אַזוי ער זאָל צום לייכטסטן קאָנען צוקומען צו מיין וווינונג, נישט מוזנדיק פרעגן ביי קיינעם. דעם אַדרעס האָט ער זיך אויסגעלערנט פון אויסנווייניק, ביז ער האָט אים גוט פאַרהאַלטן אין זיין זיכרון. אין דער נאַכט פון 14טן יולי, 10 אַזייגער, האָט אַרנדט פאַרלאָזן דעם לאַגער. לויט מיין חשבון האָט ער נאָך פאַר האַלבער נאַכט געדאַרפט אָנקומען צום ציל. אין איין שעה צייט האָט ער געדאַרפט אַלעס דערלעדיקן. ער האָט מיינע פריינט בלויז געדאַרפט לאָזן וויסן וועגן מיין פּלאַן, בכדי זיי זאָלן קאָנען מאַכן אַלע צוגרייטונגען. ווען דאָס וועט זיין פאַרטיק, זאָל מען מיר ביי איינעם פון די באַזוכן דורך עטלעכע פּשוטע ווערטער, וועלכע זאָלן נישט רופן קיין אויפמערקזאַמקייט, לאָזן וויסן וועגן דעם. דער רעשט איז געלעגן אין מיין האַנט. די הויפּטזאַך איז געווען, אַז אַרנדט זאָל נאָך פאַר באַגינען צוריקקומען אין לאַגער, כדי ער זאָל נישט פעלן ביי דער ציילונג.

איך האָב די גאַנצע נאַכט נישט צוגעשלאָסן קיין אויג און געוואַרט אויף מיין פריינטס צוריקקום. אָבער ער איז נישט געקומען. עפּעס האָט געמוזט געשען, וואָס האָט אים נישט געלאָזט אומקערן זיך. ס׳האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל צום אויפשטיין און אַרנדט איז נישט געווען. באַלד וועט פאָרקומען די ציילונג און אַלעס וועט אַנטדעקט ווערן. אויב אַרנדט האָט בלויז פאַרשפּעטיקט, וואָלט ער זיך ערשט אין דער קומענדיקער נאַכט געקאָנט אומקערן אין לאַגער, ווייל בייטאָג איז צו איינשטעלעריש דאָס צו טאָן. האָט מען געמוזט טראַכטן וועגן דעם, אַז מ׳זאָל נישט מערקן זיין פעלן באַלד ביי דער ערשטער ציילונג. דאָס איז נישט געווען צו שווער. אין יעדער קאָמפּאַניע זיינען געשטאַנען צוויי שורות בעטלעך, וועלכע זיינען געווען אָפּגעטיילט צווישן זיך דורך אַ שמאָלן דורכגאַנג. ווען מיר האָבן זיך בשעת דעם ציילן געמוזט אַוועקשטעלן נעבן אונדזערע בעטלעך און דער דיזשורנער אָפיציר אין דער באַגלייטונג פון אַ סערזשאַנט און דעם פירער פון דער קאָמפּאַניע זיינען פאַרבייגעגאַנגען איין שורה, האָט איינער פון די שוין איבערגעציילטע זיך לייכט געקאָנט אַריבערכאַפּן אויף דער קעגנאיבערדיקער זייט און פאַרנעמען דעם פּלאַץ נעבן אַרנדטס בעטל.

אויף מיין איניציאַטיוו איז טאַקע אַזוי געטאָן געוואָרן און אַלעס האָט גע־שטימט און אַריבער בשלום. ביי דער אונטערצייִלונג האָט געמוזט געמאַכט ווערן דאָס־זעלביקע שפּיל, און אַלעס איז אַריבער גוט, ווען עס מישט זיך נישט אַריין דער פירער פון אונדזער קאָמפּאַניע. דאָס איז געווען אַ שוואַכער, שרעקעוודיקער מענטש; ער האָט נאָך אינדערפרי באַמערקט, אַז אַן אַנדערע פּערזאָן איז געשטאַנען אויף אַרנדטס פּלאַץ, אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך נישט געוואָלט איינרייסן מיט די געפאַנגענע, האָט ער געשוויגן. אָבער זיין שרעקעוודיקייט האָט אים נישט צו רו געלאָזט און אַ שעה נאָך דער ציילונג פון אָונט האָט ער געמאָלדן, אַז אַרנדט איז פאַרשוווּנדן.

אַזוי ווי דער קאָמאַנדאַנט איז גראָד געהאַט אַרויסגעגאַנגען, האָט זיין שטעל־פאַרטרעטער אויפגענומען דידאַזיקע ידיעה, אָבער ער האָט דעם פאַל נישט גענומען ערנסט און גאָרנישט געטאָן, ביז דער קאָמאַנדאַנט איז צוריקגעקומען פון שטאָט. ער האָט די זאַך נישט גענומען אַזוי לייכט און תיכף אַלאַרמירט דעם לאַגער.

קורץ נאָך צען — דער רוב פון אונדז איז שוין געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, ווייל לויטן רעגלאַמענט האָט יעדער איינער ניין אַזייגער שוין געמוזט ליגן אין זיין בעט — האָט זיך אין באַטאַליאָן פּלוצים געלאָזט הערן אַ שטאַרקער ליאַרעם. ס׳האָט זיך געהערט דאָס איבערדרייען פון שליסלען אין די שלעסער, אויסרופן פון די קאָמאַנדאַנטן און ס׳זיינען אָנגעצונדן געוואָרן אַלע ליכט. דער אַלטער קאָמאַנדאַנט אין באַגלייטונג פון איייניקע אָפיצירן און אַן אָפּטיילונג זעלנער איז צוגעקומען צום זאַל און אומגעדולדיק געשריגן, אַז ער וויל זען דעם פירער פונעם באַטאַליאָן, וועלכער איז אויף גיך געקומען צו לויפן און זיי זיינען אַלע מיט איילנדיקע שריט אַריינגעקומען אין זאַל פון דער פערטער קאָמפּאַניע, ווו איר פירער האָט שוין אויף זיי געוואַרט מיט ציטערנדיקע קניען. דער קאָמאַנדאַנט איז אַרויפגעפאַלן אויפן אָרעמען מענטשעלע מיט אַזאַ מבול קללות און שאלות, אַז זוען ער האָט זיך ווו צו באַהאַלטן ערגעץ אין אַ לאָך, וואָלט ער עס זיכער געווען געטאָן — אַזאַ נעבעכדיק אויסזען האָט ער געהאַט. ער האָט עפּעס געשטאַמלט, וואָס מ׳האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פון וואָס דער „אַלטער״ איז געוואָרן נאָך מער אויפגעטראָגן און געקלאַפּט מיטן שטעקן אויף אַרנדטס בעט, אַז ס׳האָט אָפּגעהילכט אינעם גאַנצן זאַל.

דעם אַלטנס ליאַרמען און געוואַלדעווען האָט אויפגעטראָגן די געפאַנגענע, וועלכע זיינען אויף אַזאַ אומגעריכטן אופן אויפגעוועקט געוואָרן פון זייער בעסטן שלאָף, און פון אַלע עקן פונעם ריזיקן זאַל האָבן זיך געהערט פאַרשידענע אויסרופן, וועלכע זיינען דווקא נישט געווען אַזוי שטאַרק בכבודיקע. איז צוליב דעם דער גרימצאָרן פונעם אַלטן קאָמאַנדאַנט געוואָרן נאָך שטאַרקער און ער האָט באַפוילן זיינע זעלנער צו פאַרנעמען די „בונטאָווטשיקעס״. האָבן זיי אָן איבערקלייב געכאַפּט עטלעכע פּערזאָנען און זיי תיכף אָפּגעפירט אינעם וואַכצימער, און צוליב דעם איז דער ליאַרעם געוואָרן נאָך גרעסער. ס׳איז שוין געווען נאָך 11

אַזייגער, ווען דער קאָמאַנדאַנט האָט לסוף פאַרלאָזן דעם זאַל, נאָכדעם ווי ער האָט אונדז פריער געלאָזט הערן אַלערליי סטראַשונקעס.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט זיך דער שפּיל אָנגעהויבן פונדאָסניי. נאָך דער ציילונג האָבן די געפאַנגענע אומזיסט געוואַרט, אַז מ׳זאָל זיי אַרויסלאָזן אין קאָמ־פּאַונד, אָבער מ׳האָט אונדז געהאַלטן פאַרשפּאַרט. אַ שעה שפּעטער האָט מען אונדז געלאָזן וויסן, אַז אין משך פון דריי טעג וועלן מיר נישט טאָרן פאַרלאָזן דעם זאַל. חוץ דעם האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז מ׳וועט ביי אונדז אָפּשטעלן די באַזוכן און די קאָרעספּאָנדענץ אויף דריי וואָכן צייט. אָט־די ידיעה האָט ביי אונדז געמאַכט פּלאַצן די געדולד. די באַשטענדיקע דערנידעריקונגען און באַליידיקונגען האָבן שוין פון לאַנג געהאַט אָנגעפילט די געפאַנגענע מיט טיפער פאַרביטערטקייט און צאָרן; מ׳האָט נאָר געדאַרפט האָבן עפּעס אַ מאָטיוו, ביכדי דעם פאַרהאַלטענעם גרימצאָרן צו צעבלאָזן אין אַ העלישן פלאַם. יעדער איינער פון אונדז האָט געפילט, אַז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ פּונקט, ווען די זאַכן קאָנען נישט גיין ווייטער ווי ביז אַהער. עפּעס מוז געשען, אויב מ׳וויל נישט פאַרפּטרן אומזיסט און אומנישט די איצטיקע שטימונג. האָב איך זיך דעריבער באַראָטן מיט עטליכע פון מיינע נעענטערע פריינט אין לאַגער און מיר האָבן אַרויסגעלאָזט די לאָזונג, אַז אַלע פירער פון די קאָמפּאַניעס זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע שטעלעס און דערקלערן דעם קאָמאַנדאַנט, אַז ביי די הערשנדיקע אומשטענדן זיינען זיי נישט אימשטאַנד צו טראָגן אויף זיך וועלכע ס׳איז פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווייל דער גרויסער רוב פון זייערע מיטגע־פאַנגענע זאָגט זיך קאַטעגאָריש אָפּ צו פאָלגן זייערע באַפעלן. אַ טייל פון די קאַפּיטאַנען איז אַבסאָלוט נישט מסכים געווען דערמיט, אָבער דער אויסגעשריי: „די בענדלעך אַראָפּ!" איז געוואָרן אַזוי שטאַרק אין גאַנצן לאַגער, אַז ס׳וואָלט געווען אַ נאַרישקייט פון זייער זייט זיך אַרויסצושטעלן קעגן אָט־דער אַלגעמיינער שטימונג.

די ענגלישע וואַכפּאָסטנס און זעלנער האָבן געקוקט אויף די אויפגערעגטע גרופּעס אינעם לאַגער און נישט געוווסט, וואָס זיך צו טראַכטן וועגן דעם אַלעם. צו מיטיקצייט איז דער ליאַרעם אין באַטאַליאָן געוואָרן אַלץ גרעסער. דעמאָלט האָבן זיך פּלוצים באַוויזן אויף דער פּלאַטפּאָרם ביים אַריינגאַנג אין זאַל צען אָדער צוועלף זעלנער מיט די ביקסן אין די הענט, גרייט צום שיסן. תיכף הינטער זיי איז אַריינגעקומען דער קאָמאַנדאַנט בכבודו ובעצמו און ער האָט זיך דערנענטערט צום ראַנד פון די פאַרענטשעס. ווי נאָר מ׳האָט אים דערזען, איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון אויפברויז, וועלכער האָט פאַרהילכט דעם גאַנצן זאַל. ער האָט געפּרווּוט רעדן, אָבער זיין קול האָט אין דאָזיקן ליאַרעם נישט געקאָנט געהערט ווערן. איצט איז די זאַך געוואָרן געפערלעך, ווייל ס׳איז געווען שווער אָנצונעמען, אַז דער קאָמאַנדאַנט וועט זיך אין דער קעגנוואַרט פון זיינע זעלנער אַזוי לייכט לאָזן פאַרשרייען. זיכער איז געווען גוט, ווען ס׳זאָל אים איינמאָל כאָטש אויף אַ דראַסטישן אופן באַוויזן ווערן, אַז אויך פאַר דער געדולד פון געפאַנגענע איז פאַראַן אַ גרענעץ, וועלכע מ׳טאָר נישט אַריבערגיין אומבאַשטראָפטערהייט. דער אויפברויז

אין לאַגער, וועלכן ער האָט איצט געהאַט פאַר זיך, דאַרף אים באַוויזן, אַז ס'איז שוין דערגאַנגען צו אָט־דער גרענעץ און נאָר דורך אַ בלוטבאָד וועט ער איצט זיין אימשטאַנד איינצושטילן דידאָזיקע מענטשן. אָבער פונדעסטוועגן האָט מען אים געדאַרפט לאָזן קומען צום וואָרט, אויב מ'האָט נישט געוואָלט אַלעס אומזיסט און אומנישט שטעלן אויפן שפּיל.

מיר האָבן תיכף איינגעזען די סכנה פון דער לאַגע און זיך געגעבן די גרעסטע מי איינצושטילן דעם ליאַרעם און צו באַרואיקן די געפאַנגענע. נאָך אַ היפּשער ווײַלע האָבן מיר דאָס באַוויזן. דער „אַלטער" איז דערווייל געשטאַנען רואיק ביים פאָרענטש פון דער פּלאַטפאָרמע, געקוקט אויפן אויפגערעגטן עולם און אפילו נישט געגעבן אַ פינטל מיט אַן אויג. ווען ס'איז לסוף געוואָרן שטיל, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן, ערנסט און פאָרזיכטיק, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט. שוין פונעם קלאַנג פון זיין קול האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, אַז ער איז איצט גענייגט זיך איבערצובעטן. אָנשטאָט די סטראַשונקעס, וואָס אַ סך האָבן דערוואַרט, האָט ער איצט גערעדט צו אונדז מענטשלעך. מ'האָט קוים געקאָנט גלייבן, אַז דאָס איז דערזעל־ביקער מענטש, וועלכער האָט אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט אַזוי שרעקלעך געבו־שעוועט. ער האָט אויסגעמיטן יעדעס שאַרפע וואָרט און דערקלערט, אַז ער האָט אַרויפגעלייגט די שטראָף אויף אונדזער באַטאַליאָן נישט כּדי אונדז צו מאַכן אָפּקומען פאַר אַרנדטס אַנטלויפן, נייערט דערפאַר, וואָס מ'האָט גראָב באַליידיקט אַן אָפיציר בעתן איבערציילן. פונדעסטוועגן איז ער גרייט דעם ענין צו דער־לײדיקן אויף אַ גוטן אופן, ווען אפילו מ'וועט זיין נאָכגעביקייט אפשר אויסטייטשן ווי שוואַכקייט. יעדער מוז אָבער אויך איינזען, אַז ער האָט די מאַכט דורכצופירן זיינע באַפעלן. אָבער ער וואַרפט אָפּ צו באַנוצן געוואַלטמאַכט קעגן אומבאַשיצטע מענטשן, כּל־זמן ס'איז נאָך פאַראַן אַ מעגלעכקייט דורכצוקומען אויף אַ פאַרנינפ־טיקן אופן.

וואָס לענגער ער האָט גערעדט, מיט אַלץ מער אָנערקענונג איז אויפגענו־מען געוואָרן זיין רעדע. נאָכדעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיינע רייד, האָט ער געפרעגט, אויף וואָס מיר האָבן זיך צו באַקלאָגן. אַזוי ווי גראָד אַנטקעגן אים איז געשטאַנען איינער פון אונדזערע מיטגעפאַנגענע, וועלכער האָט אים, בשעת ער האָט גערעדט, איבערגעריסן מיט אייניקע צווישנרופן, האָט ער אים באַטראַכט מיט אַ שאַרפן בליק און אים אַ פרעג־געטאָן:

— וואָס, למשל, האָט איר אַרויסצולייגן?

דערדאָזיקער געפאַנגענער, אַן אינטעליגענטער און נישט שרעקעוודיקער מענטש מיטן נאָמען מונדינג, האָט צום גליק נישט באַלאַנגט צו יענע, וועלכע פאַרלירן זיך תיכף. ער האָט דעריבער צונויפגענומען אין קורצע ווערטער אַלע אונדזערע דרינגנ־דיקע קריוודעס און בעיקר אונטערגעשטראָכן, אַז מיר זיינען נישט קיין זעלנער, נאָר ציווילע געפאַנגענע און מיר וואָלטן געוואָלט באַהאַנדלט ווערן ווי אַזעלכע. חוץ דעם האָט ער באַמערקט, אַז אין באַטאַליאָן איז מען ווייט נישט צופרידן מיט דער אינערלעכער פאַרוואַלטונג און ס'איז פאַראַן אַ דרינגנדיקער ווונטש דורכצופירן נייע

וואלן פון אלע קאפיטאנען. וואס שייך דעם פאל ארנדט, האט מונדינג דערקלערט, אז ס'קאן נישט געמאלט זיין צו מאכן פאראנטווארטלעך טויזנט מענטשן פאר די מעשים פון איינעם, ווייל ס'וועט דאך קיינעם נישט איינפאלן אנצונעמען, אז איינער איז דעם אנדערנס שומר.

ווען מונדינג האט פארענדיקט זיינע רייד, האט דער קאמאנדאנט דערקלערט, אז די ענגלישע רעגירונג באטראכט אונדז ווי קריגסגעפאנגענע מיסתמא דערפאר, ווייל יעדער איינער פון אונדז איז דאך זיכער געווען א זעלנער. ס'איז אים אבער באלד אויפגעוויזן געווארן, אז דידאזיקע מיינונג האט נישט קיין שום גרונט, ווייל הונדערטער פון אונדז האבן קיינמאל נישט געטראגן אויף זיך קיין אוניפארם און נאך ווייניקער געהאלטן א ביקס אין זייערע הענט. מ'האט געקאנט דערקענען אין אים, אז אט־די דערקלערונג האט אים שטארק איבערגעראשט. דער סוף איז גע־ווען, אז ער האט בטל געמאכט די שטראף, וואס ער האט ארויפגעלייגט אויף אונדזער באטאליאן, און אויף נאכמיטיק געהייסן דורכפירן בייע וואלן פאר דער אינערלע־כער פארוואלטונג. וועגן אלע אנדערע זאכן וועט ער שפעטער רעדן מיטן נייעם פירער פונעם באטאליאן.

דידאזיקע דערקלערונג איז פון די געפאנגענע אויפגענומען געווארן מיט ליא־רעמדיקער פרייד און ווען דער קאמאנדאנט מיט זיינע זעלנער האבן פארלאזט דעם זאל, איז ביי אונדז געווען צו מערקן א שטארקע דערלייכטערונג אין דער נערוועזער שפאנונג. אלע פנימער האבן געשטראלט און ס'איז געווען צו מערקן, אז מ'דערוואַרט בעסערע צייטן אין דער נאענטער צוקונפט.

נאכן מיטיקמאלצייט האבן זיך אנגעהויבן די צוגרייטונגען צו די וואלן. מיינע פריינט האבן פון מיר פארלאנגט, אז איך זאל אננעמען די קאנדידאטור פאר דער שטעלע פונעם פירער פון באטאליאן. איך האב זיך אבער נישט געקאנט אנטשליסן, מחמת איך האב זיך דאך דעמאלט ארומגעטראגן מיט אנדערע פלענער. דערפאר אבער האב איך זיך נישט געקאנט אפזאגן פון דער קאנדידאטור אויף פירער פון דער קאמפאניע, ווייל די גאנצע קאמפאניע איז צו מיר צוגעשטאנען. איך האב דאך געהאט א נישט קליינעם חלק אין די געשעענישן, וועלכע זיינען פארמיטיק פאר־געקומען אינעם באטאליאן. אלע האבן געוווסט דערפון; דעריבער איז עס געווען נישט מער ווי פארשטענדלעך, ווען אלע האבן דערוואַרט פון מיר, אז איך זאל זיך פראקטיש באטייליקן אין דער רעארגאניזאציע פון דער אינערלעכער פארוואל־טונג. אגב איז דאס אויך געווען דער איינציקער אופן, ווי אזוי איך זאל קאנען אויסנוצן מיין איינפלוס אין אינטערעס פון מיינע מיטגעפאנגענע. ווען ס'זיינען, מיט צוויי שעה שפעטער, פארגעקומען די וואלן, האבן פון די 98 פערזאן פון מיין קאמפאניע 96 געשטימט פאר מיר.

אזוי ווי קאלינס קאנדידאטור איז מער נישט געקומען אין באטראכט, און איך אליין האב אזא קאנדידאטור אפגעווארפן, האט זיך די גרויסע מערהייט פונעם באטאליאן ארויסגעזאגט פאר מונדינגן ווי א באטאליאנפירער. דאס איז געווען דערדאזיקער, וועלכער האט דעמזעלביקן אינדערפרי אזוי מוטיק זיך געהאלטן לגבי

דעם קאָמאַנדאַנט. איבער אַ העלפט פון די אַלטע קאַפּיטאַנען איז אויסגעווײלט געוואָרן פונדאַסני; אין זעקס קאָמפּאַניעס איז די שטעלע באַזעצט געוואָרן דורך בייע מענטשן. נאָך דעם ווי די וואַלן זיינען געווען פאַרענדיקט, האָט מונדינג גע־מאָלדן דעם קאָמאַנדאַנט וועגן דעם רעזולטאַט. באַלד נאָכדעם איז פאָרגעקומען די ערשטע פאַרזאַמלונג פון די קאַפּיטאַנען. מיר זיינען געווען איינשטימיק צווישן זיך, אַז מיר מוזן אויסנוצן די נייגעשאַפענע לאַגע לויט אַלע מעגלעכקייטן און מיר זיינען געווען אַנטשלאָסן צו טאָן דאָס בעסטע.

פאַרן גיין שלאָפן זיינען מיר פון אַן ענגלישן קאַפּראַל געוויר געוואָרן, אַז נאָכ־מיטיק האָט מען אַרנדטן געכאַפּט אין דער געגנט פונעם „פּאַלאַץ" און אַז ער געפינט זיך איצט אינעם וואַכצימער פון די זעלנער. נישט געקוקט אויף די טומלדיקע געשעענישן פונעם טאָג האָב איך כסדר געטראַכט וועגן אים און איך בין געווען פעסט איבערצייגט, אַז ער איז זיכער נישט שולדיק, אויב ער האָט נישט געקאָנט צוריקקומען אין צייט.

צומאָרגנס בין איך געוויר געוואָרן, אַז אַרנדט דאַרף באַקומען זיינע מאָלצייטן אין דער קיך פון אונדזער באַטאַליאָן, און היות ער האָט באַלאַנגט צו מיין קאָמ־פּאַניע, האָב איך, ווי דער פירער פון דער קאָמפּאַניע, געדאַרפט זיך אָפּגעבן דער־מיט. איז דאָס, פאַרשטייט זיך, פאַר מיר געווען ווי געוווּנטשן, ווייל אַזוי אַרום, האָב איך געטראַכט, וועל איך אפשר האָבן אַ מעגלעכקייט צו רעדן עטלעכע ווערטער מיט מיין יונגן פריינט. בין איך, בכן, אַוועק מיט זיין אָנבייסן אינעם וואַכצימער, ווו אייניקע זעלנער זיינען געזעסן ביי אַ טיש, באַשעפטיקט מיט עפּעס אַ שפּיל. אַרנדט איז געזעסן אין הינטערגרונט אויף זיין בעטל. איך בין שנעל צוגעגאַנגען צו אים און אים דערלאַנגט די האַנט. אַזוי ווי ער האָט נישט געהאַט קיין אַנונג, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין לאַגער אין דער צייט, וואָס ער האָט דאָרט געפעלט, איז ער געווען שטאַרק איבערראַשט מיך פּלוצים צו זען נעבן זיך. אַ סך רעדן האָבן מיר יעדנפאַלס נישט געקאָנט, ביכדי נישט אַרויסצורופן דעם חשד ביי די זעלנער. אָבער אַזוי ווי מיר איז איצט אויסגעקומען אים צו באַזוכן דריי מאָל אין טאָג, איז מיר געלונגען ביסלעכוויז פון אים צו דערגיין, וואָס ס'האָט פּאַסירט, גענוג זיך צו שאַפן אַ באַגריף. די גענויע פּרטים פונעם עינין האָב איך זיך דערוווּסט ערשט אַ היפּשע צייט שפּעטער.

און פּאַסירט האָט אַט־וואָס: נאָכדעם ווי ער האָט באַוויזן מזלדיק זיך אַרויס־צושאַרן פונעם „פּאַלאַץ", האָט ער זיך אינדרויסן געפילט ווי פולשטענדיק פאַר־בלאָנדזשעט, נישט געקוקט אויפן פּלאַן, וואָס איך האָב אים געגעבן. שולדיק אין דעם איז געווען דער געדיכטער חושך מצרים, אין וועלכער לאָנדאָן איז דעמאָלט געווען איינגעהילט, ווי אַ פאַרהיטמיטל קעגן די דייטשע עראָפּלאַנען, אַן אומשטאַנד, וועלכן מיר האָבן נישט גענומען אין באַטראַכט. אַזוי אַרום איז ער צוגעקומען צו זיין ציל ערשט אַרום 2 אַזייגער פאַרטאָג, ווען ס'האָט שוין כימעט אָנגעהויבן ווערן טאָג.

מיין פרוי איז נאַטירלעך געווען זייער איבערגעראַשט, ווען זי איז פּלוצים אויפגעוועקט געוואָרן פון שלאָף דורך אייניקע שטאַרקע קלעפּ אין דער טיר.

ווען זי האָט אים אַריינגעלאָזט אין הויז, האָט ער זי באַקאַנט געמאַכט מיט אַלע פּרטים. אַזוי ווי אָבער ס'איז אינצווישן געוואָרן העלער טאָג, האָט ער נישט געקאָנט טראַכטן וועגן אומקערן זיך, איידער ס'וועט ווידער ווערן טונקל. 10 אַזייגער אין אָוונט האָט מילי אין באַגלייטונג פון איינעם פון אונדזערע חברים, וועמען זי האָט וועגן אַלץ געלאָזט וויסן, פאַרלאָזן איר וווינונג. בעת אַרנדט איז זיי נאָכגעגאַנגען אויף אַ געוויסער שטרעקע ווייטער. זיי זיינען אַרויף אויף אַן אָמניבוס, וועלכער איז געגאַנגען צום צפון פון דער שטאָט. ווען זיי זיינען צוגעקומען נאָענט פונעם ציל, זיינען זיי אַראָפּ פונעם אָמניבוס און בעת אַרנדט איז איצט געגאַנגען פאָרויס, זיינען זיי אים ביידע נאָכגעגאַנגען פון דערווייטנס, ביז ער איז פאַרשוואונדן פון זייערע אויגן.

אַרדנטן איז אויך געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אינעם „פּאַלאַץ". ווען ער איז אָבער צוגעקומען צום אָרט, ווו ער האָט געדאַרפט אויפהייבן דאָס ברעט, בּיכדי אַריינצוקומען אינעם וואַשצימער, האָט ער פּלוצים דערהערט אַ מוראדיקן טומל אינעם זאַל פון באַטאַליאָן. ס'איז געווען פּונקט די צייט, ווען דער אַלטער קאָמאַנדאַנט איז געקומען אין לאַגער אַריין, נאָכדעם ווי מ'האָט אים געלאָזט וויסן, אַז אַרנדט איז פאַרשוואונדן. ער האָט געוואַרט איבער אַ שעה אינעם באַהעלטעניש, אָבער ווען ער האָט געזען, אַז דער ליאַרעם הערט נישט אויף, האָט ער דאָס צווייטע מאָל פאַרלאָזט דעם „פּאַלאַץ" און זיך דעם גאַנצן טאָג באַהאַלטן, כדי זיך אומצוקערן די צווייטע נאַכט. אינצווישן האָט מען אָבער אַנטדעקט דעם אַרויסגאַנג און אים בלאָקירט. איז ער צום דריטן מאָל צוריקגעגאַנגען און האָט זיך עפּנטלעך באַוויזן פאַר די וועכטער, וועלכע האָבן אים פאַרהאַלטן.

דערמיט איז דערווייל געמאַכט געוואָרן אַ סוף צו מיינע פּלענער צו אַנטלויפן. שפּעטער האָבן זיך געשאַפן אַנדערע פאַרהעלטענישן, וועלכע האָבן מיר געשטערט באַנייס צו טראַכטן וועגן דעם.

## מיינע ערשטע דערפֿאַרונגען ווי אַ קאַפּיטאַן

נאָך די שטורמישע געשעענישן אינעם באַטאַליאָן האָט זיך אַלעס ווידער איינגעשטילט. די געפֿאַנגענע האָבן געהאַט צוטרוי צו די נייע קאַפּיטאַנען און צום פֿירער פֿונעם באַטאַליאָן. איצט איז בלויז געווען די פֿראַגע, ווי אַזוי ס'וועלן זיך איינשטעלן די באַציונגען צווישן דער נייער פֿאַרוואַלטונג און דעם אַלטן קאָמאַנ־דאַנט. דער קאָמאַנדאַנט איז געווען אַן אַלטער מיליטערמאַן, וועלכער האָט אַ סך יאָרן געדינט אין אינדיע און איז פֿון קליינוויז אָן געווען צוגעוווינט צו אַ שטרענ־גער מיליטערישער אָרדענונג. צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער אומשטאַנד, וואָס זיין קראַנקייט האָט אים גאַנץ אָפֿט געמאַכט שטאַרק קאַפּריזנע און אימפּעטדיק אין זיינע רעאַקציעס. ווי אַ סך אַלטע מענטשן איז ער געווען איינגעגלייבט, אַז אָן אים האָט גאָרנישט געקאָנט געטאָן ווערן. ער האָט זיך דעריבער אַריינגעמישט אין אַלע עיניינים, וועלכע זיינען אים נישט אָנגעגאַנגען און וועלכע וואָלטן אָן אים געקאָנט דערליידיקט ווערן פֿיל לייכטער און מיט ווייניקער רייבונגען. אַזעלכע געוווינהייטן פֿאַרוואַנדלען זיך אין אַ צווייטער נאַטור און אַלטע לייט פֿון זיין טיפּ קאָנען נישט לייכט איבערגעאַנדערשט ווערן.

צומאָרגנס נאָך די וואַלן, ווען דער קאָמאַנדאַנט מיט זיינע אָפֿיצירן זיינען פֿאַר־ביי־געגאַנגען פֿאַר די אויסגעשטעלטע נייע פֿירער פֿון די קאָמפּאַניעס, איז ער מיטאַמאָל געבליבן שטיין נעבן מיר און מיך געפֿרעגט, ווי איך הייס. קענטיק, אַז ער האָט זיך דערמאָנט אין מיר פֿון מיין ערשטן צוזאַמענשטויס מיט אים אין „אָרדערלי רום״. נאָכדעם ווי איך האָב געענטפֿערט אויף זיין פֿראַגע, האָט ער אַ זאָג־געטאָן:

— איך האָף, אַז איר וועט מיר העלפֿן איינצושטעלן אַ גוטן שלום־בית אינעם באַטאַליאָן.

— איך וועל פּרווון טאָן דאָס בעסטע, וואָס איך וועל קאָנען, — האָב איך גע־ענטפֿערט.

ער איז אַוועק, איז אָבער באַלד צוריקגעקומען און מיך געפֿרעגט, וועגן וועלכער טעמע איך רעכן דאָס קומענדיקע מאָל צו רעדן אינעם טעאַטערזאַל. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך רעכן צו האַלטן פֿיר אָדער פֿינף רעפֿעראַטן וועגן לעוו טאָלסטאָי. האָט ער מיך געפֿרעגט, צי איך בין טאָלסטאָיס אַן אָנהענגער. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך האַלט טאָלסטאָיען פֿאַר איינעם פֿון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן

פון אונדזער צייט, הגם אין געוויסע פונקטן האָב איך נישט דיזעלביקע מיינונג וואָס ער. ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און מיך געבעטן אויסצושטעלן אין דער ענגלישער שפּראַך אַ קורצן צימצום פון יעדן איינעם פון מיינע רעפעראַטן.

צומאָרגנס האָב איך געמוזט אַוועק מיט אַ געפאַנגענעם פון מיין קאָמפּאַניע אין „אָרדערלי רום". דערדאָזיקער געפאַנגענער האָט פון זיינעם אַ קרוב אין דייטשלאַנד באַקומען אַ קליין פּעקעלע, אין וועלכן ס׳איז צווישן אַנדערע זאַכן אויך געווען אַ גלאָז האָניק. ביים רעווידירן דאָס פּעקל האָט מען אינעם האָניק געפונען אַ קליין צעטעלע, אויף וועלכן ס׳זיינען געווען אָנגעשריבן אייניקע ווערטער, וועלכע מ׳האָט, קענטיק, נישט געוואָלט שרייבן אין בריוו. אַזעלכע פאַלן זיינען פאָרגעקומען גאַנץ אָפט און זיי זיינען שטרענג באַשטראָפט געוואָרן, ווען מ׳האָט זיי אַנטדעקט. נישט נאָר איז אַזאַ פּעקל אָן יעדער איינזעעניש קאָנפיסקירט געוואָרן, נאָר מ׳האָט נאָך אפילו, חוץ דעם, באַשטראָפט דעם, צו וועמען ס׳איז געשיקט געוואָרן, הגם ער האָט דאָך בשום אופן נישט געקאָנט געמאַכט ווערן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מעשים פון זיינע קרובים. ס׳איז געווען באַשיימפּערלעך, אַז דערמיט איז מען אויסן געווען אָפּצושרעקן די געפאַנגענע. אָט־דער גאַנצער אויפפּיר איז געווען פּונקט אַזוי נאַריש ווי צוועקלאָז. ס׳איז געווען נאַריש, ווייל וועלכע סכנה האָט געקאָנט אויפקומען פאַר דער בריטישער אימפּעריע דערפון, ווען ס׳איז אָנגעקומען צו אַ פון דער גאַנצער וועלט איזאָלירטן געפאַנגענעם עפּעס אַ קליינע פאַרטרוילעכע ידיעה פון דייטשלאַנד? און צוועקלאָז איז עס געווען, ווייל אפילו ביי דער גרעסטער אָפּגעהיטקייט האָט מען אַזעלכע פאַסירונגען קיינמאָל נישט געקאָנט געענצלעך אונטערדריקן.

ווען דערדאָזיקער געפאַנגענער איז צוגערופן געוואָרן און איך בין מיט אים צוגעגאַנגען צום קאָמאַנדאַנטס טיש, האָט ער צו אים געזאָגט מיט אַ שטרענגן טאָן:

— אין אַ פּעקל, וואָס איז פאַר אייך אָנגעקומען פון דייטשלאַנד, האָט מען אין אַ גלאָז האָניק געפונען אַ פאַרבאָרגענע שריפטלעכע ידיעה. ס׳איז לייכט זיך משער צו זיין, אַז איר האָט זיך אויף ווער ווייסט וועלכן אופן צונויפגערעדט מיט אייערע קרובים און זיי באַוויזן דאָס צו טאָן. וואָס האָט איר צו זאָגן צו דעם?

דער געפאַנגענער האָט באַטאָנט זיין אומשולדיקייט און דערקלערט, אַז דאָס איז דאָס ערשטע און איינציקע פּעקל, וואָס מ׳האָט אים צוגעשיקט פון זיין היימלאַנד.

אָבער דער אַלטער האָט זיך נישט געוואָלט לאָזן איבערצייגן און זיך אָנגערופן:

— איך בין געצוווּנגען צו קאָנפיסקירן אייער פּאַקעט און אייך צו באַשטראָפן, כּדי ס׳זאָל ביי אייערע מענטשן אָפּנעמען דעם חשק צו אַזעלכע זאַכן.

נאָך דידאָזיקע ווערטער האָט ער זיך פּלוצים געווענדט צו מיר און געזאָגט:

— די מענטשן זיינען אַליין שולדיק אין דעם. איך טו בלויז מיין פליכט. מ׳קאָן פּשוט נישט טאָן אַנדערש. וואָס וואָלט איר געטאָן אויף מיין פּלאַץ?

די פראַגע איז מיר געשטעלט געוואָרן גאַנץ אומגעריכט און מיך אַביסל איבערראַשט. אָבער איך האָב דאָס נישט געלאָזט מערקן און רואיק געענטפערט:

— איך וואָלט ביי אָט־דעם מענטשן זיין פּעקל נישט צוגענומען און אים בלויז

אַנגעוויזן, אַז ער זאָל שרייבן צו זיינע קרובים און זיי עצהן אין דער צוקונפט נישט צו טאָן אַזעלכע זאַכן, ווייל זיי קאָנען ווערן געפערלעך פאַר אים. ער האָט דאָך ביז אַהער נישט באַקומען קיין שום פעקל און מ׳מוז אַליין זיין אַ געפאַנגענער, ביכדי צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ באַטייט אזא מין מתנה האָט אין אונדזער לאַגע. אגב, איז דאָך דער צוועק, וועלכן איר זענט אויסן, דערגרייכט געוואָרן, — דאָס צעטעלע איז אַנטדעקט געוואָרן. וואָלט דאָס נישט געווען אַזוי, וואָלט מען דאָך דעם מענטשן אפילו נישט געקאָנט באַשולדיקן אין עפּעס!

דער אַלטער האָט מילד געשמייכלט. מ׳האָט געקאָנט דערקענען אויף אים, אַז היינט איז ער אין אַ גוטער שטימונג. האָט ער זיך געווענדט צום אָנגעקלאָגטן און געזאָגט צו אים:

— נו, גוט! איך וועל דאָס מאָל אָוועקקוקן פון אַ שטראָף און איך הייסן איבערגעבן אייער פעקל. אָבער איך וואָרן אייך: שרייבט תיכף צו אייער קרובים, אַז זיי זאָלן אויף ווייטער אַזעלכעס נישט טוען, ווייל איצט ווייסט איר דאָך, וואָס אייך דערוואַרט דערפאַר.

ווען מיר האָבן ביידע פאַרלאָזן דעם „יאַפּאַנישן טעמפּל״, האָט ער נישט גע־וווסט, ווי אַזוי מיר צו דאַנקען פאַר מיין הישתדלות. פאַר מיר אַליין איז דאָס געווען אַ נייער באַווייז, אַז מ׳קאָן דאָך יאָ צונויפרעדן זיך מיטן אַלטן קאָמאַנדאַנט. אויב, פאַרשטייט זיך, מ׳טרעפט אים פּונקט אין זיין גוטן טאָג און מ׳לייגט פאַר אים פאַר די זאַכן אין ריכטיקן ליכט. און דערביי מוז מען זיך האַלטן פעסט און זיכער ביים אַרויסטרעטן פאַר אים און וויסן, ווי אַזוי זיך לגבי אים אויפצופירן. ביידע זאַכן מוזן גיין צוזאַמען.

אָט טאָקע דערפאַר איז די שטעלע פונעם פירער פון באַטאַליאָן געווען אַזוי שווער און פיל מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איז ער געווען אומזיכער אין זיין האַל־טונג און צופיל נאָכגעביק, האָט ער לגמרי גאָרנישט געקאָנט אויספועלן, וואָרן דער ענגלענדער רעספּעקטירט נישט קיין מענטשן אָן אַ רוקנביין און דער אַלטער קאָמאַנדאַנט אונדזערער אוודאי און אוודאי נישט. אָבער פון דער אַנדערער זייט ווידער טאָר מען זיך אויך נישט לאָזן באַוועגן צו קיין טאַקטלאָזיקייט, ווייל ס׳איז זיכער געווען דער גרעסטער טעות אויסצוטייטשן ווי שוואַכקייט די קלוגע נאָכ־געביקייט, וואָס דער אַלטער האָט אָפט אַרויסגעוויזן. מ׳האָט זיך שטענדיק גערדאַרפט באַמיען אים צו איבערצייגן דורך מאָטיוון, ווי איך האָב זיך שפּעטער אַזוי אָפט איבערצייגט אין דעם. לייכט איז דאָס נישט געווען, אָבער פונדעסטוועגן האָט מען ביי אים געקאָנט אויספועלן אַ סך זאַכן, ביפרט ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין עינינים, ווו דער אַלטער האָט געהאַט אַ פרייע האַנט און איז נישט געווען געבונדן צו די תקנות פונעם קריגסמיניסטעריום.

מיר איז נישט באַקאַנט, אויף ווי ווייט אונדזער ערשטער פירער פונעם באַ־טאַליאָן האָט פאַרשטאַנען אויסצוקומען מיטן אַלטן. אָבער דער טרויעריקער צושטאַנד אינעם לאַגער און די כסדרדיקע אומזיניקע גזירות, וועלכע זיינען גאַנץ אָפט געווען מסוגל צו דערפירן די געפאַנגענע צו פאַרצווייפלונג, האָבן באַוויזן, אַז זיין איינפלוס

איז נישט געווען גרויס. אונדזער נייער פירער פונעם באַטאַליאָן איז בלי ספק געווען אַ מענטש מיט אַ פעסטן כאַראַקטער, וועלכער האָט נישט אַזוי לייכט נאָכגעגעבן, ווען ער האָט געהאַלטן, אַז ער איז גערעכט. אָבער ער איז פריער קיינמאָל נישט געווען אין ענגלאַנד און ער איז נישט געווען באַקאַנט מיט דער אייגנאַרטיקייט פונעם ענגלישן כאַראַקטער. דערצו איז ער געווען שטאַרק נאַציאָנאַליסטיש גע־שטימט און אין יעדן ענגלענדער האָט ער דעמאָלט בלויז געזען דעם שונא, קעגן וועמען מ׳מוז זיך ביי אַלע אומשטענדן אַרויסשטעלן. ביי אַזאַ מין אָריענטאַציע זיינער האָט שוין אָפט געמוזט קומען צו דעם, אַז ער האָט פּשוט שלעכט פאַרשטאַנען אָדער נישט ריכטיק אויסגעטייטשט דעם אַלטנס מאָטיוון. ס׳איז דעריבער געווען פאָרויסצוזען, אַז ער וועט נישט לאַנג קאָנען אָנהאַלטן זיין שטעלע און פריער אָדער שפּעטער וועט מוזן קומען צו אַ ריס צווישן אים און דעם קאָמאַנדאַנט. ביכלל איז מונדינג געווען אַ דורכויס ערלעכער און אָפנהאַרציקער מענטש און הגם מיר זיינען אין אונדזער פּאָליטישן קוק און באַנעם געווען שטאַרק מחולק צווישן זיך, זיינען מיר די גאַנצע צייט געשטאַנען אין גאָר פריינטלעכע באַציונגען צווישן זיך און ווי מענטשן האָבן מיר זיך שטענדיק רעספּעקטירט.

דעם 20טן יולי האָט אַרנדט זיך געמוזט צושטעלן פאַר אַ קריגסגעריכט. ביז דעמאָלט פלעג איך אים זען יעדן טאָג און מיט אים שטענדיק גערעדט. ער האָט מיר דערציילט, אַז דער קאָמאַנדאַנט האָט אים באַזוכט און אַז ער איז געווען זייער גוט צו אים. אויך די זעלנער האָבן אים באַהאַנדלט פריינטלעך. דאָס קריגס־געריכט איז באַשטאַנען פון עטלעכע אָפיצירן פון אונדזער לאַגער און פון אַ פאַר־טרעטער פונעם קריגסמיניסטעריום. ווי אַ פאַרטיידיקער האָט מען פאַר אים באַ־שטימט דעם מאַיאָר מאָט, וועלכער האָט זיך פאַר אים ארויסגעשטעלט מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט, אַז ער האָט צוליב דעם געמוזט אויסהערן אַ מוסר־רעדע פונעם פאָרזיצער פון געריכט.

מאַיאָר מאָט איז איבערהויפּט געווען דער גוטער גייסט אין „אַלעקסאַנדראַ פּעלעס". עס האָט זיך מיסתמא נישט געפונען קיין איינער פון צווישן אונדז, נישט רעדנדיק פון אייניקע פאַרביסענע פּאַטריאָטן, וואָס זאָל נישט געווען האָבן דעם גרעסטן דרך־ארץ פאַר דעמדאָזיקן מענטשן צוליב זיין מענטשנפריינטלעכן אויפפיר. פאַר יעדן איינעם האָט ער געהאַט אַ פריינטלעך וואָרט, און אַזוי ווי ער איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער מיליטערמאַן, האָט ער נישט געהאַט קיין שום אינ־טערעס פאַר זאַכן, וועלכע האָבן באַלאַנגט צום קרייז פון טויטער דיסציפּלין. צום באַדויערן איז זיין מאַכט געווען באַשרענקט, אָבער ער איז שטענדיק געווען גרייט צו העלפן, ווו נאָר ער האָט געקאָנט.

וועגן די אייגנטלעכע סיבות פון אַרנדטס אַנטלויפן איז דאָס קריגסגעריכט נאַטירלעך גאָרנישט געוווּיר געוואָרן. אַרנדט האָט דערקלערט, אַז דער עגמת־נפש צוליב זיין קראַנקער מוטער אין האַמבורג און די ידיעה, אַז איינער פון זיינע צוויי ברידער, וועלכע איז אַוועק אין מילחמה, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, האָבן אים באַ־וויגן אַרויסצורייסן זיך פון זיין שטייג. קיין באַשטימטן פּלאַן האָט ער דערביי נישט

געהאַט; ער האָט בלויז געהאַט די באַדערפעניש כאַטש אויף אַ קורצער צייט צו זיין אַליין. דער גאַנצער פּראָצעס האָט אפילו נישט געדויערט קיין שעה. דער מישפּט איז נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן באַלד נאָכן פּראָצעס און אין דער אָנוועזנהייט פונעם אָנגעקלאָגטן; ער האָט אים ערשט שפּעטער געזאָלט צוגעשטעלט ווערן. די גוטע אויסוויקלונג פונעם פּראָצעס און דעם מאַיאָרס וואַרעמע פאַרטיידיקונג האָט אונדז אַלעמען געמאַכט גלייבן, אַז די שטראָף וועט זיין אַ מילדע.

דעם 28טן יולי, 11 אַזייגער אינדערפרי, זיינען אַלע קאַפּיטאַנען פון די דריי באַטאַליאָנען גערופן געוואָרן אינעם „יאַפּאַנישן טעמפּל". מיר האָבן לחלוטין נישט געוווּסט וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך. באַלד נאָכדעם איז געקומען דער קאָמאַנדאַנט מיט זיינע אָפיצירן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין טיש. פון דרויסן האָבן זיך באַלד געלאָזט הערן שאַרפע קאָמאַנדע־אויסרופן. די טיר האָט זיך געעפנט מיט האַסט און אַרנדט איז אַריינגעפירט געוואָרן פון דריי באַוואָפנטע זעלנער. דער קאָ־מאַנדאַנט האָט מיט אַן ערנסטער שטימע פאָרגעלייענט פאַר אים זיין מישפּט, — 168 טעג תפיסה מיט שווערער אַרבעט. ווי נאָר דער קאָמאַנדאַנט האָט פאַרענדיקט לייענען דאָס לעצטע וואָרט, איז דער פאַרמישפּטער תיכף אַוועקגעפירט געוואָרן. בלויז נאָך איינמאָל האָב איך אים געזען, ווען איך האָב אים געבראַכט זיין עסן. ער איז געווען רואיק און אַנטשלאָסן און מיר דערקלערט, אַז די עטלעכע חדשים תפיסה אין אַ שטילער קאַמער זיינען פאַר אים זייער געווונטשן. מיר האָבן זיך געזעגנט דורך אַ פעסטן האַנטדרוק. נאָך דעמזעלביקן טאָג איז ער אָפּגעפירט גע־וואָרן אין געפענקעניש.

די אויסערגעוויינלעכע שטרענגקייט פונעם מישפּט האָט אונדז אַלעמען אויפ־געטראָגן, ביפרט, וואָס קיינער פון אונדז האָט זיך אויף דעם נישט געריכט. יעדנ־פאַלס איז געווען אַן אומשטאַנד, וועלכער האָט מיסתמא געשפּילט אַ ראָל ביים אַרויסגעבן דעם מישפּט. דעמזעלביקן טאָג, ווען אַרנדט איז געשטאַנען פאַרן געריכט, זיינען אַנטלאָפן דריי געפאַנגענע פונעם באַטאַליאָן „סי" און מ׳האָט זיך דעמאָלט נישט געקאָנט דערקלערן, ווי אַזוי זיי האָבן דאָס באַוויזן. לאַנג האָבן די דריי אַנטלאָפענע פון זייער פרייהייט נישט געקאָנט געניסן. זעקס טעג נאָך זייער פליטה זיינען זיי געכאַפּט געוואָרן אין אַן אַלטן שייער, 17 מייל פון לאַנדאַו, און זיי זיינען צוריקגעבראַכט געוואָרן אין לאַגער. ס׳איז דעריבער נישט אויסגעשלאָסן די השערה, אַז אָט־דער צווישנפאַל האָט אפשר געווירקט אויפן געריכט אַרויסצוגעבן קעגן אַרנדטן אַ שאַרפערן מישפּט ווי ס׳איז לכתחילה געווען זייער כוונה, בכדי די גע־פאַנגענע אָפּצושרעקן פון ווייטערדיקע פרוון צו אַנטלויפן. אגב איז אַרנדט נישט אָפּגעקומען די גאַנצע שטראָף. נאָך דריי חדשים איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַן אַנדערן לאַגער.

מיין נייע שטעלע ווי אַ קאַפּיטאַן האָט מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט אַריינצודרינ־גען און באַקומען אַ פאַרשטענדעניש אין זאַכן, וועלכע זיינען מיר ביז איצט געווען אומבאַקאַנט. קודם־כל האָט זי מיר געגעבן די געלעגנהייט פּראַקטיש אויסצופּרוּוון מיין באַנעם און קוק אויף זאַכן און דאָס גראַד ביי מענטשן מיט די פאַרשידנדיקסטע

אייגנשאַפטן און שטימונגען. די פּערטע קאָמפּאַניע איז אין גאַנצן לאַגער געווען באַקאַנט ווי די רויטע קאָמפּאַניע. זי האָט דעריבער ביי די פּאַטריאָטן נישט געהאַט קיין איבעריקס גוטן שם, אָבער יעדער איינער האָט געמוזט צוגעבן, אַז אין גאַנצן לאַגער האָט נישט געהערשט אַזאַ האַרמאָניע צווישן די געפאַנגענע ווי דווקא ביי אונדז. איך האָב נישט געהאַט קיין שום סיבה זיך צו באַקלאָגן אויף מיינע מיטגע־פאַנגענע און איך בין מיט אַלעמען געשטאַנען אין גוטע חברלעכע באַציונגען. אַזוי אַרום איז עס געקומען צו דעם, וואָס די פּערטע קאָמפּאַניע איז געוואָרן די שטילע בענקשאַפט פון נישט איינעם פון די געפאַנגענע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אויסקומען ווי געהעריק מיט די פירערס פון זייער קאָמפּאַניע. פלעגט אָפט פּאַסירן, אַז דער אָדער יענער פון די קאַפּיטאַנען פלעגט מיך בעטן אַריינצונעמען אין מיין קאָמפּאַניע איינעם פון די געפאַנגענע, מיט וועמען ער קאָן נישט אויסקומען. איך האָב אַזאַ בקשה קיינמאָל נישט אָפּגעוואָרפן און איך מוז זאָגן, אַז איך בין דערביי קיינמאָל נישט אַנטוישט געוואָרן. איך האָב זיך אַזוי אַרום באַקענט מיט מער ווי איין אויס־געצייכנטן מענטש, וועלכע איז צומאָלס אפשר דערפאַר אַריינגעפאַלן אין ווילדן גרימצאָרן, ווייל דאָס האָפענונגסלאָזע פּוסט־און־פּאָס־לעבן האָט מיסתמא געווירקט אויף זיינע נערוון.

דאָרט, וווּ טויזנט מענטשן מוזן לעבן אינעם זעלביקן זאַל, דאָרט זיינען אומפאַר־מיידלעך געוויסע רייבונגען און מחלוקת, ביפּרט ביי געפאַנגענע, וועלכע זיינען צוגע־בונדן צום פּלאַץ, ווו זיי געפינען זיך. די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן און טעמפּעראַ־מענטן פון די מענטשן זיינען דאָך שטאַרק פאַרשידנדיק און דאָס געצוווּנגענע צוזאַ־מענלעבן ביי אַזעלכע נעבעכדיקע און מיזעראַבלע באַדינגונגען מאַכט נאָך שווערער דאָס קאָנען אויסקומען צווישן זיך.

אין איינעם אַ טאָג האָב איך אויפגענומען אַ געוויסן מאַקס גראַהע אין אונדזער קאָמפּאַניע. דאָס איז געווען דערזעלביקער געפאַנגענער, וועמען דער צענזאָר האָט נישט געוואָלט איבערגעבן די בריוו פון זיין פרוי אין בוענאָס איירעס און וועגן וועמען מיר האָבן שוין פריער גערעדט. דער מענטש איז שוין געווען אין דריי אַנדערע קאָמפּאַניעס, און אומעטום האָט ער זיך צעקריגט מיט די קאָמפּאַניע־פירער, ביז ער איז געקומען צו אונדז. גראַהע איז געווען אַ בערלינער און געהאַט אַ גרויס מויל. ווען ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג, איז ער געווען אַן אויס־געצייכנטער מיטשמועסער און פּאַרוויילער, ווייל מיט זיין אומצעשטערבאַרן און אומאויסשעפּלעכן הומאָר האָט ער פאַרווײַלט זיין גאַנצן אַרום. האָט ער אָבער געהאַט זיין פינצטערן טאָג אָדער האָט ער פונקט געליטן פון זיין קראַנקייט, איז דעמאָלט נישט געווען לייכט צו האָבן אַ מגע־ומשא מיט אים.

איך האָב אים אָנגעוויזן זיין פּלאַץ פונקט אַנטקעגנאיבער מיין בעטל און אין דער ערשטער צייט איז אַלעס צוגעגאַנגען גוט. אין איינעם אַ טאָג איז ער געוואָרן קאַפּריזנע. עס איז אויף אים פונקט אויסגעפאַלן די טורנע ווי אַ דיזשורנער און ער האָט צוזאַמען מיט זיין שכן געדאַרפט וואַשן דעם פּאָל, אַן אַרבעט, וועלכע פלעגט יעדן טאָג געמאַכט ווערן פון אַנדערע צוויי מענטשן אין יעדער קאָמפּאַניע

און וועלכע גראַהע פלעגט ביז איצט טון אָן פּראָטעסט. אָבער איצטיקס מאָל האָט ער די אַרבעט נישט געוואָלט מאַכן. אַלע טענות פון זיין שכן, דעם צווייטן דיזשורנע אין דער ריי, האָבן נישט געהאָלפן; ער האָט פון אים אָפּגעחוזקט און באַוואָרפן מיט אַלערליי גראָבע רייד און זידלערייען, ביז דער אַנדערער האָט פאַרלוירן די געדולד, אַוועקגעוואָרפן די באַרשט און אַוועקגעלאָפן נאָך מיר. ווען ער האָט מיך געפונען אינעם לאַגער, האָט ער זיך פאַרקלאָגט פאַר מיר און קורץ און שאַרף דערקלערט, אַז אויב גראַהע וועט נישט מאַכן זיין טייל אַרבעט, וועט אויך ער נישט קיין ריר־טאָן מיט אַ פינגער.

איך האָב אים באַרואיקט און בין מיט אים אַוועק אין דער קאָמפּאַניע. דאָרט איז גראַהע געזעסן אויף זיין בעטל און אונדז באַגריסט מיט אַ שפּאָטישן שמייכל.

— וואָס איז מיט אייך, גראַהע? — האָב איך זיך געווענדט צו אים. — פאַרוואָס זאָגט איר זיך אָפּ צו טון אייער טייל אַרבעט ווי אַלע אַנדערע טוען?

— זאָגט, אַז איר ווילט, דעם אַלטן בן־אדם, אַז ער זאָל שיקן אַ זעלנער, ביכדי דאָ צו וואַשן דעם פּאָל, — האָט ער געזאָגט מיט חוזק. — איך קאָן שוין נישט פאַרטראָגן דעם ברוד!

— מיין ליבער גראַהע, — האָב איך אים געענטפערט, — איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז דער „אַלטער" וועט אייך דידאָזיקע טובה נישט טון. ווען יעדער איינער פון אונדז זאָל זיך אויפפירן אַזוי ווי איר, וועלן מיר דאָך דאָ אַלע אומ־קומען אין שמוץ, רעדט־זשע, בכן, נישט קיין נאַרישקייט און טוט דאָס, וואָס אַלע אַנדערע מוזן טוען.

ער איז אָבער געבליבן זיצן רואיק אויף זיין פּלאַץ און דערקלערט:

— ניין, איך טו גאָרנישט!

— גוט, גראַהע, — האָב איך געזאָגט, — אויב דאָס איז אייער צוגאַנג צו זאַכן, האָבן מיר מער נישט וואָס צו רעדן צווישן זיך.

ביי די ווערטער האָב איך אויסגעטון מיין רעקל, פאַרשאַרצט די אַרבל פונעם העמד, גענומען די באַרשט און אָנגעהויבן צו שייערן.

ווייזט־אויס, אַז אויף אַזאַ אויסגאַנג פון דער לאַגע האָט ער זיך נישט גע־ריכט. ער איז געוואָרן אומרואיק. מיטאַמאָל איז ער געגעבן אַ שפּרונג־אויף פון זיין בעטל, אַרויסגעריסן די באַרשט פון מיין האַנט און אַ זאָג־געטאָן:

— ניין, נישט דאָס בין איך אויסן געווען. איך וויל נישט, אַז איר זאָלט טאָן די אַרבעט.

— ווער־זשע זאָל זי טאָן, גראַהע? — האָב איך געזאָגט צו אים. — אָדער רעכנט איר אפשר, אַז איך קאָן הייסן אַן אַנדערן טאָן אייער אַרבעט?

— נו, שוין גוט, שוין גוט! — האָט ער געזאָגט און געשייערט, אַז ס'איז געווען אַ מחיה זיך צוצוקוקן. און פון דעמאָלט אָן האָב איך שוין מיט גראַהען נישט גע־האַט קיין שום שוועריקייטן. ער איז אפילו געוואָרן שטאַרק צוגעבונדן צו מיר און איז געווען גרייט צו גיין פאַר מיר אין וואַסער און אין פייער.

אַן אַנדער מוסטער־עקזעמפּליאַר אין אונדזער קאָמפּאַניע איז געווען אַן איינ־

זשיבּיער מיטן נאָמען האָפמאַן, אַ ריינלענדער. האָפמאַן האָט געהאַט אַ צוואָקסענע מענלעכע פיגור, מיט אַ מוטיקן און שטאַרקן ווילן. אַ נאַטור פון אַן אמתן שטורמער. אויך ער האָט שוין נישט איין פירער פון די קאָמפּאַניעס פאַרביטערט דאָס לעבן, ביז ער האָט אויסגעפועלט זיינס אַנצוקומען אין מיין קאָמפּאַניע. ער איז געקומען פון סיאַם, וווּ ער האָט געבויט אַ בריק איבערן מעקאָנג. דערבּיי האָט מיט אים פּאַסירט אַן אומגליק און ער איז גראָד געווען אויפן וועג קיין איראָפּע, כדי זיך דאָרט צו לאָזן אָפּערירן פון אַ קאָמפּליצירטער געבּרעכטקייט, ווען ס׳איז אויסגעבּראָכן די מילחמה און ער איז אַריינגעפאַלן צו די ענגלענדער אין די הענט. האָפמאַן איז געווען אַ פּרעכטיקער מענטש, מיט וועמען נישט יעדער איינער האָט אפילו געקאָנט אויסקומען, אָבער מיר פּערזענלעך איז ער געווען זייער סימפּאַטיש. פון סיאַם האָט ער מיטגעבּראַכט עטלעכע קאַסטנס מיט אַלערליי אַנטיקן און זעלטענע קעגנשטאַנדן, פון וועלכע ער האָט אין לאַגער אַ סך צעטיילט, וואָרן ער איז בטבע געווען אַ מענטש מיט אַן אָפענער האַנט. פון זיין לעבן אין סיאַם האָט ער געהאַט צו דערציילן זייער אַ סך אינטערעסאַנטע פּרטים, און אַזוי ווי ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ גרויסער אינטעליגענץ און געווען באַגאַבּט מיט דער פעיקייט צו קאָנען באַאָבּאַכטן, פלעג איך זייער גערן פאַרברענגען מיט אים.

האָפמאַנס אַ נאָענטער פריינט איז געווען איינער אַ געוויסער שטעמלער, אַן אַוואַנטוריסטישער כאַראַקטער, פול מיט אינערלעכן דראַנג צו מעשים און מיט אַן אומגעצוימטער ווילנסקראַפט. ווען ס׳האָט אויסגעבּראָכן די מילחמה, האָט ער געוווינט אין בּוענאָס איירעס. אַרומגעכאַפּט מיט אַ גליענדיקן פּאַטריאָטיזם, וועלכער האָט ביי אים געהאַט אַ ראָמאַנטישן כאַראַקטער, האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט קיין דייטשלאַנד, ביכדי פּערזענלעך זיך צו באַטייליקן אינעם קאַמף. אָבער אויך מיט אים האָט פּאַסירט דאָס זעמלעכע, וואָס מיט אַ סך אַנדערע, — אין גיבּראַלטאַר איז ער פון די ענגלענדער גענומען געוואָרן געפאַנגען. ער האָט גערן פאַרבּראַכט מיט מיר און אַזוי ווי אויך ער, פּונקט ווי האָפמאַן, האָט רעגלמעסיק באַזוכט מיינע רעפעראַטן, האָט ער זיך דעמאָלט געפונען אין אַזאַ מין גייסטיקער איבערגאַנגס־סטאַדיע און נאָך נישט געוווּסט גענוי, אויף וועלכע וועלט ער געפינט זיך. שטעמלער און האָפמאַן זיינען ביידע געווען זייער אימפּולסיוו און די אַרויפגעצווווּנגענע אומטעטיקייט איז אויף ביידן געפאַלן זייער שווער. זיי פלעגן דעריבער צוטראַכטן אַלערליי זאַכן, ביכדי צו געפינען עפּעס אַן אַרויסגאַנג, אַן ענדערונג פאַר דער אינערלעכע שפּאַנונג.

אין אַ געוויסן טאָג איז זיי איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו שרייבן צום קאָמאַנדאַנט אַ בריוו, אין וועלכן זיי האָבן אים אויפגעפאָדערט אָדער זיי צו באַפרייען אָדער זיי צו לאָזן דערשיסן, ווייל זיי קאָנען לענגער נישט אויסהאַלטן צו פירן אַזאַ ליידיק־גייעריש און אומטעטיק לעבן. מאַקס גראַהע האָט נאַטירלעך אויך נישט געטאָרט פעלן ביי אַזאַ הערלעכער געלעגנהייט און אויך ער האָט אַוועקגעשטעלט זיין נאָמען אונטער אָט־דעם בריוו. האָפמאַן האָט מיר איבערגעגעבן דעם בריוו, אַז איך זאָל אים איבערגעבן וווּ מ׳באַדאַרף. וועגן אינהאַלט האָב איך נישט געהאַט אפילו קיין

אַנונג. איך האָב דעם בריוו איבערגעגעבן דעם פירער פונעם באַטאַליאָן, מונדינג, וועלכער האָט מיר שפּעטער שמייכלענדיק דערציילט, וואָס אַט־די דריי האָבן אין זייער בריוו פאַרקאָכט. ער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געטראַכט איבערצוגעבן דעם בריוו צום קאָמאַנדאַנט, ווייל ער האָט דעם גאַנצן עיניין באַטראַכט ווי אַ שפּאַס.

אָבער דורך אַ צופאַל איז דער בריוו אַריינגעפאַלן אין די הענט פונעם קאָמאַנ־דאַנטס סעקרעטאַר. ער האָט זיך פּשוט מיטגעשלעפּט מיט אַנדערע פּאַפּירן, וועלכע מונדינג האָט אים איבערגעגעבן. אַזוי ווי דער קאָמאַנדאַנט איז פּונקט נישט געווען אין לאַגער, איז דער בריוו פריער אַריינגעפאַלן אין די הענט פונעם מאַיאָר מאַט. אין איינעם אַ נאָכמיטיק איז דער מאַיאָר געקומען אין לאַגער אַריין און מיך געבעטן, איך זאָל אים צונויפפירן מיט האָפמאַנען, שטעמלערן און גראָהען. איך האָב תיכף געטראַכט וועגן בריוו. אַזוי ווי קיין איינער פון די דריי האָט נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט ענגליש, האָב איך געמוזט זיין דער דאָלמעטשער. דער מאַיאָר, וועלכער האָט, קענטיק, געמיינט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ פאַל פון הויכגראַדיקער נער־וועזיטעט, האָט גערעדט צו די דריי אויף אַ פּשוט מענטשנפריינטלעכן אופן, פון זיי פאַרלאַנגט צו האָבן געדולד, ווייל די מילחמה וועט זיך מיסתמא אין גיכן ענדיקן און זיי געטרייסט אַזוי גוט ווי ער האָט געקאָנט. נאָכדעם האָט ער מיך געבעטן, אים צו באַגלייטן אין זיין צימער אַריין. דאָרט האָט ער ווידער גערעדט מיט מיר וועגן דעם אויסטערלישן פאַל און מיך געבעטן צו האַלטן אַן אויג אויף די דריי, ביכדי ס'זאָל מיט זיי נישט געשען קיין אומגליק. איך האָב זיך געפונען אין אַ פיינלעכער לאַגע, ווייל איך האָב דאָך מיט אים נישט געקאָנט רעדן קיין קלאָרע דיבורים וועגן זיי, ביכדי נישט צו קאָמפּראָמעטירן די אַנדערע. ער האָט מיך דערנאָך געפרעגט, צי איך בין באַקאַנט מיט די מאַטעריעלע פאַרהעלטענישן פון דידאָזיקע מענטשן. איך האָב אים געזאָגט, אַז האָפמאַן און שטעמלער האָבן קליינע סומעס, בעת גראָהע האָט גאָרנישט. האָט ער מיר געגעבן אַ גרויס שאַכטל ציגאַרעטן פאַר זיי און פאַר יעדן איינעם פון זיי צוויי שילינג און זעקס פּענעס אין מזומן.

די דריי האָבן שוין געוואַרט אויף מיר מיט גרויס אומגעדולד. דעם מאַיאָרס מענטשלעכע רייד האָבן נאַטירלעך געמאַכט אויף זיי אַ טיפן איינדרוק און ווען איך האָב זיי איצט איבערגעגעבן די ציגאַרעטלעך און דאָס געלט אין זיין נאָמען, האָבן זיי זיך געפילט ווי פאַרטשמיעלעטע. די ציגאַרעטלעך האָבן זיי סוף־כל־סוף אָנגע־נומען, אָבער דאָס געלט האָבן זיי צוריקגעוויזן. ווען איך האָב שפּעטער צוריקגע־ברענגט דאָס געלט צום מאַיאָר, האָט ער מיך געבעטן עס צו פאַרטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע מענטשן פון מיין קאָמפּאַניע, וואָס איך האָב נאַטירלעך געטאָן.

דערמיט איז דער עיניין נאָך נישט געווען דערליידיקט. דער מאַיאָר, ווי ער אַליין האָט עס מיר געזאָגט, האָט פון אָנהויב געטראַכט דעם בריוו אינגאַנצן נישט צו ווייזן דעם קאָמאַנדאַנט. ווייזט אָבער אויס, אַז ער האָט זיך דערנאָך מיישב געווען וועגן דעם און צוויי טעג שפּעטער האָב איך באַקומען אַ באַפעל צו ברענגען די דריי פערזאָן צום קאָמאַנדאַנט. דער קאָמאַנדאַנט האָט מיר געגעבן איבערצולייענען דעם באַרימטן בריוו און מיך געפרעגט, וואָס ס'האָט זיי געקאָנט האָבן באַוויגן אים

צוצושיקן אַזאַ צושריפט. האָב איך פאַר אים אין טונקעלע פאַרבן אויסגעמאָלן די טרויעריקע דערפאַרונגען פון די דריי און אים דערציילט, ווי אַזוי גראָהע איז געפאָרן קיין דייטשלאַנד, כדי זיך דאָרט צו לאָזן מאַכן אַ שווערע אָפעראַציע. ער איז אָבער אויפן וועג פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער מילחמה און געמוזט אָנשפּאַרן אין אַ קאָנצענטראַציעלאַגער. זינט דעמאָלט האָט זיך זיין שלאַפקייט היפּש פאַרערגערט, אַזוי אַז ער ווערט אַפּט פאַרפייניקט פון אומדערטרעגלעכע ווייטיקן, וועלכע קאָנען באַזייטיקט ווערן נאָר דורך אַן אָפעראַציע.

נאָכדעם האָב איך אים באַקאַנט געמאַכט מיט האָפּמאַנס שלימזל, אַז אויך ער איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט פונקט אַזוי ווי גראָהע. אויך האָב איך אים דערציילט, אַז אין סיאַם איז האָפּמאַן קראַנק געוואָרן אויף טראָפּישן פיבער, וועלכעס אַטאַקירט אים אויך איצט פון צייט צו צייט. און ווען ער באַקומט אַן אַטאַקע, הייבט עס מיט אים אָן שטאַרק צו טרייסלען. פונדעסטוועגן האָט אים דער דאָקטאָר פון לאַגער נישט געוואָלט באַוויליקן אפילו נאָך איין קאָלדרע צום צודעקן זיך. דידאָזיקע פּרטים זיינען, אגב, געווען פולשטענדיק אמת.

דער אַלטער האָט מיך רואיק אויסגעהערט און דערנאָך אויף אַן ערנסטן און איינדריקלעכן אופן גערעדט צו די דריי. ער האָט פאַרלאַנגט פון זיי צו נעמען אויף זיך זייער גורל מיט מוט, ווי דאָס פּירט זיך צווישן דרייסטע מענטשן. אמת, די פרייהייט קאָן ער זיי נישט געבן, ווייל צו דעם פעלט אים די אויטאָריזאַציע, ער וועט אָבער טאָן אַלעס, כדי זיי צו פאַרשאַפן געוויסע פאַרלייכטערונגען.

ווען איך האָב איבערגעזעצט פאַר די דריי דעם קאָמאַנדאַנטס ווערטער, האָט האָפּמאַן גאַנץ קאַלטבלוטיק דערקלערט, אַז אין דעם פאַל מוז ער באַשטיין אויף זיינעם, בעסער דערשאָסן צו ווערן. איצט אָבער איז דער עינין געוואָרן אַביסל געפערלעך, וואָרן ווען דער אַלטער זאָל זיך כאַפּן, אַז מ׳נעמט אים אויפן זיכער, אַז מ׳מאַכט חוזק פון אים, וואָלט דאָס געקאָנט קאָסטן טייער נישט נאָר די דריי אָנשטעלמאַכער, נייערט אויך אין אַנדערע פאַלן ברענגען גרויס אומגליק. ווייזט־אויס, אַז זיי אַליין האָבן זיך אויך געכאַפּט וועגן דער ערנסטקייט פון דער לאַגע און איך בין שוין געווען צופרידן, ווען מיר האָבן לסוף געקאָנט פאַרלאָזן דעם קאָמאַנדאַנטס צימער. נאָך דעמזעלביקן טאָג האָט האָפּמאַן, אויפן דאָקטאָרס אָנווייזונג, באַקומען צוויי נייע דעקעס, און אַ וואָך שפּעטער האָט מען גראָהען אַוועקגעפירט אין דייטשן שפּיטאָל אין לאָנדאָן, וווּ ער האָט דורכגעמאַכט אַ געלונגענע אָפעראַציע און פינף וואָכן שפּעטער איז ער צוריקגעקומען אין לאַגער פולשטענדיק אויסגעהיילט.

דעם 5טן אויגוסט האָבן די ענגלישע צייטונגען געמאָלדן, אַז וואַרשע איז געפאַלן. דער גאַנצער לאַגער איז געווען איין שטיק ברויז און אין באַטאַליאָן „סי״, ווו די פּאַטריאָטן האָבן געגעבן דעם טאָן, איז עס אפילו דערגאַנגען צו אַ פּאַקטישער דעמאָנסטראַציע. די שוטים האָבן געמיינט מיטן גאַנצן ערנסט, אַז איצט איז שוין די מילחמה אַריין אין דער פאַזע פון אַנטשיידונג און אַז דייטשלאַנד וועט דיקטירן דעם שלום פון דער וועלט. מיך האָט עס פאַרקלעמט ביים האַרץ, ווען איך האָב

זיך צוגעקוקט צו אָט־דידאָזיקע שטיק. איך וואָלט געווען גרייט אָוועקצוגעבן ווער ווייסט וואָס, צו קאָנען אין אַזעלכע מאָמענטן פאַרבייטן דעם לאַגער אויף אַ שטילער תפיסה. נאָכדעם האָב איך געלייענט אין די צייטונגען מעטערלינגס היסטערישן אויסגעשריי, וועלכער האָט אויפגעפאָדערט צו אַ הייליקן קרייצצוג קעגן גאַנצן דייטשטום, קעגן אַלץ, וואָס איז דייטש. וואָס, געוואָלט געשריגן, האָט דאָס געקאָנט האָבן באַוויגן אָט־דעם לבנה־שיין־פילאָזאָף צו אַזאַ שטעלונג? אים, וועלכער האָט כימעט פאַרלייקנט די עקזיסטענץ פון דער מאַטעריעלער וועלט און, פונקט ווי בערקלי, אין די אויסערלעכע דערשיינונגען פונעם לעבן געזען בלויז די איינצלנע עלעמענטן פון גאָטס חלום. און איך האָב אויך געלייענט דעם ענטפער, וועלכן גערהארד האַופּטמאַן האָט געגעבן דעם בעלגיער. מיט וואָס פאַראַ התפעלות דער דיכטער פון די „וועבער" האָט זיך דאָס אַרויסגעשטעלט פאַר דער „דייטשער קול־טור" און דערציילט דער וועלט, ווי אַזוי דייטשע זעלנער זיינען אַוועק אין קריג מיטן „זאַראַטוסטראַ" און דעם „פאַוסט" אינעם רוקזאַק! און מיליאָנען מענטשן האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דעמדאָזיקן לעכערלעכן און אָנשטעלערישן שפּיל מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט, פונקט ווי א ספּאָרט־ליבהאָבערישער עולם קוקט־נאָך די באַוועגונגען פון צוויי באָקסקעמפער אויף דער אַרענע. ווי שרעקלעך נאַריש און ווי נאָמענלאָז טרויעריק דאָס אַלעס איז דאָך געווען! הפּנים, אַז איך האָב באַלאַנגט צום מין פון די, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן קאַפּרידיק, וואָס איך האָב נישט געקאָנט געפינען קיין געשמאַק אין אָט־די נעבעכדיקע קליינלעכקייטן.

ווען מיר זיינען בשעתו אָנגעקומען אין „אַלעקסאַנדראַ פּעלעס", האָבן א סך פון אונדז געהאָפט, אז דאָ וועט זיי איצט לסוף געגעבן ווערן די געלעגנהייט צו פאַרוועגדן זייער צייט ניצלעכער ווי דאָס האָט געקאָנט זיין דער פאַל אויף דער „ראָיאַל עדוואַרד", ווו די ענגשאַפט און די אומגינציקע פאַרהעלטענישן פון פּלאַץ האָבן געמאַכט אילוזאָריש יעדן פּרוּוו אין אָט־דער ריכטונג. מיר האָבן געהאַט צווישן אונדז אַ היפּשע צאָל גוט־אויסגעשולטע פּעדאַגאָגישע כוחות אויף די פאַר־שידנדיקסטע געביטן, וועלכע האָבן זיך תיכף גענומען גרייטן צו אַראַנזשירן קלאַסן פאַרן שטודיום פון פאַרשידענע וויסנשאַפטן און טאַקע געווען פאַרנומען מיטן אויס־אַרבעטן אַ באַשטימטן לערנפּלאַן פאַרן גאַנצן פּראָגראַם. ווען מיר האָבן פּלוצים באַקומען די ידיעה, אַז טויזנט מאַן פון אונדזער לאַגער וועלן אַריבערגעפירט ווערן אויפן „אייל אָף מען". דאָס איז געווען א שווערער קלאַפּ, וועלכער האָט נישט נאָר צעשטערט אַלע אונדזערע פּלענער, נאָר אויך פיל פון אונדז אַוועקגעשטעלט פאַר אַן אומבאַקאַנטן גורל.

דער קאָמאַנדאַנט האָט אונדז דאָ גאָרנישט געקאָנט העלפן, ווייל די גזירה איז געקומען פונעם קריגסמיניסטעריום. אָבער צום שווערסטן זיינען דורך דעם געטראָפן געוואָרן יענע, וועלכע האָבן געהאַט זייערע פאַמיליעס אין לאָנדאָן און וועלכע וועלן זיך פון איצט אָן אויף דער אינדזל, אין לויף פונעם גאַנצן דויער פון דער מילחמה, מיט זיי מער נישט קאָנען זען. דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן געקאָנט טאָן, איז געווען צו אַרבעטן אין דער ריכטונג, אַז ביים אויסקלייבן די מענטשן אָפּצושיקן

אויף דער אינדזל, זאָלן אויף די ליסטעס קודם־כל אַוועקגעשטעלט ווערן יענע, וועלכע האָבן נישט קיין קרובים אין לאָנדאָן און וועלכע האָבן טאַקע דעריבער קיינ־מאָל נישט באַקומען קיין באַזוכן. אָבער אויך דאָס האָט נישט געקאָנט שטערן, אַז אַ סך פון יענע, וועלכע האָבן נישט באַלאַנגט צו אָט־דער קאַטעגאָריע, זאָלן אָן יעדער איינזעעניש אָפּגעשיקט ווערן אויף דער אינדזל.

ס'איז מיר געוואָרן שווער אויפן געמיט, ווען איך האָב געזען, ווי אַזוי פיל אַלטע פריינט ווערן אָפּגעשיידט פון אונדז. זייערע פּלעצער זיינען באַלד פאַרנומען געוואָרן דורך נייע אַרעסטירטע. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אייניקע אַלטע באַ־קאַנטע מיינע פון דער לאָנדאָנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די ניי־אָנגעקומענע האָבן געהאַט אַ שווערע מערכה, ביפרט ווען זיי האָבן געהאַט דאָס אומגליק אַריינ־צופאַלן אינעם באַטאַליאָן „סי", ווו די פאַרשטייער פונעם ריינעם דייטשטום האָבן געהאַט אין זייערע הענט די גאַנצע אינערלעכע פאַרוואַלטונג. פאַר אָט־די פּוסטע סוביעקטן איז גענוג געווען דער פאַקט, וואָס די ניי־אָנגעקומענע זיינען אַזוי שפּעט אַרעסטירט געוואָרן, אַז זיי זאָלן זיי באַטראַכטן ווי נישט קיין גוטע דייטשן. וואָס פאַרא ס'איז אומבאַטראַכט וואָרט האָט געקאָנט דערפירן דערצו, אַז אַזאַ מענטש זאָל ביינאַכט איבערגעפאַלן ווערן אין זיין בעט און זאָל מיט שטעקנס באַקומען אָנגע־בראָכן די ביינער. אינעם באַטאַליאָן „סי" האָט מען דאָס באַצייכנט ווי „דאָס באַ־ווייזן זיך פון דער שוואַרצער האַנט" אָדער „דויטשער אַנשאַואונגסאונטעררריכט".

ווי דאָס פּאַסירט שטענדיק און אומעטום, זיינען די מערסטע פון דידאָזיקע רויע ברואים, וועלכע באַטייליקן זיך אין אַזעלכע ברוטאַליטעטן, גאַנץ נעבעכדיקע טרוסן, וועלכע דערוועגן זיך אָנצופאַלן נאָר אויף שוואַכע און שרעקעוודיקע מענטשן. אָבער דאָס נידערטרעכטיקסטע דערביי איז געווען, אַז דידאָזיקע ברוטאַליטעטן זיינען אינספּירירט געוואָרן פון אַ קליינער קליקע אַזויגערופענע בעסערע הערן, וועלכע האָבן זיך דערביי קיינמאָל נישט אויסגעשטעלט צו קיין שום סכנה, נייערט איבערגעגעבן צו אַנדערע די אויספירונג פון זייערע פאַרלאַנגען.

אַרום סוף אויגוסט איז צווישן מונדינגן און דעם קאָמאַנדאַנט געקומען צום ערשטן צוזאַמענשטויס, וועלכער האָט שיער דערפירט צו אַ נייעם בונט אינעם לאַ־גער. דער קאָמאַנדאַנט האָט באַקומען פונעם קריגסמיניסטעריום אַן אָנווייז, אַז ער זאָל צושטעלן אַ רשימה פון אַלע מעכאַניקער, אייזנדרעקסלער א.א.וו. פונעם לאַגער, וועלכע זיינען וויליק צו אַרבעטן אינדרויסן ביי זייער פאַך. ס'איז געווען באַשיימ־פערלעך, אַז דאָ האָט זיך געקאָנט האַנדלען נאָר וועגן אַרבעט פאַר דער קריגסאינ־דוסטריע. ווען דער „אַלטער" האָט איצט פאַרלאַנגט פון מונדינגן און פון די אַנדערע צווי פירער פון די באַטאַליאָנען פאַר אים צונויפצושטעלן אַזאַ ליסטע, האָט זיך מונדינג קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו דערפילן אָט־דעם פאַרלאַנג און ער האָט דער־קלערט, אַז זיין געוויסן דערלויבט אים נישט צוצולייגן אַ האַנט צו אַזאַ אַרבעט. אַזוי ווי פון די דריי פירער פון די באַטאַליאָנען איז מונדינג געווען דער איינציקער, וועלכער האָט גענומען אַזאַ שטעלונג, איז דער קאָמאַנדאַנט אַריינגעפאַלן אין גרימ־צאָרן און אים געזאָגט, אַז ער וועט מוזן טראָגן אויף זיך די קאָנסעקווענצן פאַר אַזאַ

האנדלונג. האָט מונדינג תיכף אַראָפּגענומען דאָס רויטע בענדל פון זיין אַרבל און רעזיגנירט פון זיין שטעלע.

ווען דער ענין איז באַקאַנט געוואָרן אינעם באַטאַליאָן, איז תיכף אַנטשטאַנען אַ גרויסער אויפברויז, וועלכער איז געווען אַן אָנווייז, אַז ער קאָן ווערן ערנסט. פונדעסטוועגן איז דער נייער קריזיס אויך דאָס מאָל אַריבער גליקלעך, ווייל ווי עס ווייזט־אויס, האָט זיך דער אלטער אינצווישנצייט איבערגעלייגט די זאַך און איינגעזען, אַז ס׳וועט זיין בעסער נישט צו פאַרשאַרפן די לאַגע. ער האָט נאָך איינמאָל געלאָזט רופן מונדינגן צו זיך און אים דערקלערט, אז ער איז בשום אופן נישט אויסן צו פאַרגוואלדיקן זיין געוויסן און פון אים פאַרלאַנגט צוריק אָנצונעמען די שטעלע, פון וועלכער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, וואָס ער האָט, אגב, אקצעפּטירט.

אָבער די רו האָט לאַנג נישט געדויערט. אין די ערשטע טעג סעפּטעמבער איז פון דער דריטער קאָמפּאַניע פון אונדזער באַטאַליאָן אַנטלאָפן אַ שיפסקאַפּיטאַן מיטן נאָמען שמידט, און מ׳האָט זיך לכתחילה נישט געכאַפּט וועגן דעם. דערדאָזיקער אַנטלאָפענער איז אַ סך יאָרן געווען קאַפּיטאַן פון אַ האָלענדישער שיף, וועלכע פלעגט פאָרן צווישן האָלאַנד און ענגלאַנד, און ער האָט גוט צוגעגרייט זיין אַנטלויפן. ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אז ער ליידט אויף די אויגן און מ׳האָט אים צוזאַמען מיט אַנדערע געפאַנגענע פונעם לאַגער געשיקט אין לאַנדאַנער דייטשן שפּיטאָל. ווייזט־אויס, אז ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט עמעצן אין דרויסן און יענע האָבן אים געהאָלפן אַנטלויפן. וועגן זיין פּליטה האָבן אין לאַגער געוווסט בלויז אייניקע מאַטראָזן, וועלכע האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז מ׳זאָל דאָס ביי די ציילענישן נישט מערקן.

דער קאַפּיטאַן פון דער דריטער קאָמפּאַניע איז געווען אַ פּאַסטאָר, וועלכער האָט אויך געהייסן שמידט. דאָס איז געווען אַ ווילער, אויפריכטיקער מענטש, וועלכער איז פאַר דער מלחמה געווען אַ פּרעדיקער אין אַ קליינער געמיינדע אין ענגלאַנד. איך פלעג גערן פאַרברענגען מיט אים, און אַזוי ווי ער פלעגט קומען צו אַלע מיינע רעפעראַטן, איז געווען גענוג שטאָף פאַר אונדזערע שמועסן. דער פּאַסטאָר איז געווען אַ קאַטעגאָרישער קעגנער פון מלחמה און אַ קריסט אין טאָלסטאָיס זין. דאָס איז געווען איינער פון די רעכטפאַרטיקסטע מענטשן, מיט וועמען איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען און גראָד אָט־די רעכטפאַרטיקייט און ערלעכקייט איז געווען די סיבה פון זיין אומגליק. דער פּאַסטאָר האָט זיכער נישט געוווסט וועגן דעם שיפסקאַפּיטאַנס פּלענער. אָבער אַזוי ווי דער מענטש האָט באַלאַנגט צו זיין קאָמפּאַניע, האָט ער באַלד געדאַרפט מערקן זיין פּליטה. פונדעסטוועגן האָט ער געמאַכט אַ שווייג, ווייל קיין זאַך איז נישט געווען ווייטער פון אים ווי צו זיין אַ מסור. נאַטירלעך, אַז די זאַך האָט נישט לאַנג געקאָנט בלייבן פאַרהוילן, און ווען דער קאָמאַנדאַנט איז דערפון געוואויר געוואָרן, האָט ער ווידער געבושעוועט אינעם באַטאַליאָן און געשאָלטן אויף וואָס די וועלט שטייט. ווען ער האָט געפרעגט דעם פּאַסטאָר, זינט ווען דער אַנטלאָפענער פעלט אין לאַגער, האָט ער, וועלכער איז נישט

פעיק געווען צו זאָגן ליגן, געענטפערט: „זינט דריי טעג״. דער אַלטער איז געוואָרן אויסער זיך און ער האָט געטענהט:

— פאַרוואָס האָט איר מיר פריער נישט געלאָזט וויסן וועגן דעם? — האָט ער געשריגן.

אָבער דער פאַסטאָר האָט אים געענטפערט רואיק:

— ווייל איך האַלט זיך נישט פאַר פאַרפליכטעט צו טאָן פּאָליציייִשע אַרבעט.

האָבן זיך איצט אין אונדזער באַטאַליאָן איבערגעחזרט דיזעלביקע סצענעס ווי נאָך אַרנדטס אַנטלויפן. די געפאַנגענע זיינען געהאַלטן געוואָרן פאַרשפאַרט און מען האָט זיי נישט אַרויסגעלאָזט אין קאָמפּאַונד. דער פּועל־יוצא איז געווען אַ געפער־לעכער ליאַרעם און טומל, ביז דער קאָמאַנדאַנט האָט ענדלעך געמוזט באַשליסן זיך אָפּצוזאָגן פון דער באַשטראָפונג פונעם גאַנצן באַטאַליאָן.

צומאָרגנס האָט דער מאַיאָר מאָט געשיקט נאָך מיר און מיך געבעטן, אים צו באַגלייטן ביי זיין שפּאַציר אויף דער אויבערשטער טעראַסע, ווייל ער דאַרף זיך דורכריידן מיט מיר וועגן פאַרשידענע זאַכן. ער איז געווען פריינטלעך ווי תמיד און ער איז תיכף צוגעטראָטן צום ציל און מיך געפרעגט, וואָס איך האַלט וועגן די לעצטע געשעענישן אין לאַגער. איך האָב אים אויף אַ רואיקן און זאַכלעכן אופן דערקלערט, אז לויט מיין מיינונג זיינען מונדינג און דער פּאַסטאָר בפירוש גערעכט, ווייל די אַקטיוויטעט פון די קאַפּיטאַנען איז באַשרענקט בלויז אויף דער אינערלע־כער פאַרוואַלטונג. אָבער מ׳קאָן פון זיי נישט פאַרלאַנגען זיך צו שטעלן אין דינסט פון די ענגלישע אויטאָריטעטן.

— ביכדי זיך צו קאָנען שאַפן אַ ריכטיקן באַגריף וועגן אַזעלכע זאַכן, מוז מען זיך אַליין פילן ווי ווען מ׳וואָלט זיך געפונען אין זייער לאַגע. וואָרן שטעלט אייך פאָר, מאַיאָר, אַז די ראָלן בייטן זיך מיטאַמאָל און איר אַליין וואָלט זיך געפונען אין אַן אינטערנירלאַגער צווישן אייערע לאַנדסלייט. ווי אַזוי וואָלט איר זיך אויפגעפירט אין אַזאַ פאַל?

ער האָט תיכף אויפן פלאַץ צוגעגעבן, אַז ער וואָלט מיסתמא אויך נישט גע־האַנדלט אַנדערש. נאָך אַ ווײַלע האָט ער מיך געפרעגט, צי איך האַלט, אַז אַ מענטש אין אונדזער לאַגע האָט ביכלל דאָס רעכט צו אַנטלויפן.

— זיכער אַזוי! — האָב איך געזאָגט. — דער פאַקט, וואָס מ׳האַלט אים דאָ קעגן זיין ווילן, איז די בעסטע באַשטעטיקונג פון אָט־דעם רעכט.

— אָבער אין דעם פאַל מוזט איר דאָך באַטראַכטן ווי אַן אומגערעכטיקייט מיצד די באַאמטע, ווען זיי לייגן־אַרויף אַ שטראָף פאַרן אַנטלויפן פון אַ געפאַנגע־נעם. — האָט ער געזאָגט.

— אוודאי אַזוי, ווי דען אַנדערש? — האָב איך אים געענטפערט. — די פונק־ציאָנאַרן באַשטראָפן דעם געפאַנגענעם נישט ווייל זיי האָבן אַ מאָראַליש רעכט דאָס צו טאָן, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל זיי האָבן די מאַכט דערצו.

דער צופאַל האָט אַזוי צוגעשפּילט, אַז מיט עטלעכע וואָכן פאַר דעם זיינען צוויי ענגלישע ציווילגעפאַנגענע אַנטלאָפן פונעם אינטערנירלאַגער אין רוהעלעבען. זיי

האָבן צופוס דורכגעוואַנדערט גאַנץ דייטשלאַנד און זיך גליקלעך אַריבערגעכאַפּט די האָלענדישע גרענעץ. אַלע ענגלישע צייטונגען האָבן מיט געפליגלטע ווערטער באַשריבן דידאָזיקע געוואַגטע און איינשטעלערישע פּליטה. איך האָב זיך דעריבער נישט געקאָנט איינהאַלטן צו רופן די אויפמערקזאַמקייט פונעם מאַיאָר אויף אָט־דעם פאַל און געזאָגט צו אים:

— אָט־דאָ האָט איר דעם בעסטן באַווייז פאַר מיין אַרגומענט, מאַיאָר. דאָס־זעלביקע, וואָס מ׳טייטשט אונדז דאָ אויס ווי אַ פאַרברעך, פאַרשרייבט מען ווי דאָס גרעסטע פאַרדינסט און אויפטו אויפן חשבון פון יענע צוויי, ווייל זיי זיינען ענג־לענדער. איך אַליין באַגריס יענע צוויי פאַר זייער הצלחה און וואָלט באַדויערט פונעם גאַנצן האַרץ, ווען זיי וואָלטן דורכגעפאַלן אין זייער פּליטה. אגב, איז ביי מיר נישט פאַראַן קיין אונטערשיד, צי ס׳האַנדלט זיך וועגן דייטשן, ענגלענדער אָדער פראַנצויזן. פאַר מיר זיינען דאָס געפאַנגענע, וועלכע פאַרדינען אונדזער סימפּאַטיע.

איך האָב געקאָנט דערקענען אין אים, אַז מיינע אַרגומענטן האָבן אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק. ער האָט זיך קעגן מיינע רייד נישט אַרויסגעזאָגט אפילו מיט איין טראַף; ער האָט זיך בלויז אויסגעדריקט, אַז די כסדרדיקע פּרוּוון צו אַנטלויפן קאָנען פאַרן קאָמאַנדאַנט נישט זיין גלייכגילטיק און ס׳איז באַגרייפלעך, אַז ער מוז זוכן מיטלען און אופנים זיי אָפּצושטעלן. איך האָב אים געענטפערט, אַז ווען אפילו איך באַגרייף דעם קאָמאַנדאַנטס לאַגע, מיין איך אָבער, פונדעסטוועגן, אַז אפילו די שאַרפסטע מיטלען זיינען נישט אימשטאַנד צו שטערן און אָפּצושטעלן די פּרוּוון צו אַנטלויפן.

— אפילו פון דער באַסטיל און פון די בליינע קאַמערן פון ווענעציע זיינען אַנטלאָפן מענטשן, — האָב איך געזאָגט — פאַרוואָס זאָל זיך נישט איינגעבן יחידים צו אַנטלויפן פונעם „אַלעקסאַנדראַ פּעלעס״, ווו די שוועריקייטן פאַר אַ מזלדיקער פּליטה זיינען פיל לייכטערע? מיט אָט־די אומשטענדן מוז דאָך אויך דער קאָמאַנ־דאַנט סוף־כל־סוף שלום מאַכן.

ער האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסדרייען און געמוזט צושטימען צו מיינע רייד.

— פאַראַן אָבער אַ פּונקט, — האָט ער געזאָגט — וועלכער באַשעפטיקט שטאַרק דעם קאָמאַנדאַנט. איר ווייסט דאָך, אַז איר און די אַנדערע קאַפּיטאַנען קאָנען צוקו־מען צו פּלעצער, ווו די אַנדערע געפאַנגענע קאָנען נישט צוקומען, און פון וואַנען ס׳איז פיל לייכטער צו אַנטלויפן. פרעגט זיך: וועט איר אויסנוצן דעם צוטרוי, וועלכן מ׳שענקט אייך, צו מאַכן אַ פּרוּוו צו אַנטלויפן?

ער האָט מיר אַריינגעקוקט פעסט אין די אויגן אַריין. איך האָב רואיק אויסגע־האַלטן זיין בליק און אים געענטפערט:

— אין דעם פאַל קען איך רעדן בלויז אין מיין אייגענעם נאָמען. ס׳איז קיינ־מאָל נישט געווען מיין טבע אָפּצונאַרן עמעצן אינעם צוטרוי, וואָס מ׳שענקט מיר. ווען איך וואָלט געהאַט די כוונה צו אַנטלויפן, וואָלט איך פריער געזוכט אַן אופן, ווי אַזוי זיך אָפּצוזאָגן פון מיין צוטרוילעכער שטעלע.

— אַט דאָס איז עס טאַקע, וואָס איך האָב געוואָלט וויסן, — האָט ער געזאָגט. — אַגב, האָב איך נישט דערוואַרט עפּעס אַנדערש פון אייך.

נאָכדעם האָט ער זיך פריינטלעך געזעגנט מיט מיר און איז אַוועק. בעת איך אַליין בין איך אַוועק צוריק אין לאַגער, ווו איך האָב תיכף איבערגעגעבן מונדינגן וועגן מיין שמועס. ס׳איז געווען קלאָר, אַז דער „אַלטער" האָט פריער איבערגערעדט מיטן מאַיאָר וועגן דידאָזיקע זאַכן און אפשר אים אויך געגעבן אָנצוהערן, אַז ער זאָל רעדן מיט אונדז וועגן דעם. דאָס, וואָס דער מאַיאָר האָט זיך געווענדט גראָד צו מיר און נישט צו קיין אַנדערן, איז געווען פאַרשטענדלעך, ווייל ער האָט געוווסט, אַז איך האָב געהאַט אַ גאַנץ גרויסן איינפלוס אין לאַגער און מיין מיינונג האָט געהאַט אַ געוויסן אינטערעס פאַר דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג.

דער אַלטער קאָמאַנדאַנט האָט אין יענער צייט שטאַרק געליטן פון זיין קראַנקהייט און ס׳איז געווען שווער אויסצוקומען מיט אים. דאָס, וואָס דער אַלטיטשקער האָט אַזוי שטאַרק געליטן פון זיין שלאָפקייט, איז פון ריין־מענטשלעכן קוקווינקל געווען באַדויערלעך. אָבער דאָס, וואָס 3.000 מענטשן האָבן דאָס געדאַרפט פילן כימעט יעדע מינוט פונעם טאָג, דאָס איז געווען אומדערלאָזבאַר. צווישן מונדינגן און דעם קאָמאַנדאַנט איז דעריבער כימעט יעדן טאָג געקומען צו רייבונגען, ביז דער ערשטער האָט פאַרלוירן די געדולד און קאַטעגאָריש רעזיגנירט פון זיין שטעלע ווי אַ פירער פונעם באַטאַליאָן. באַלד נאָכדעם איז אָפּגעשיקט געוואָרן אַ נייער טראַנספּאָרט פון אונדזער לאַגער צו דער „אייל אָף מען" און צווישן די אָפּגעשיקטע האָבן אויך פיגורירט מונדינג און דער פאַסטאָר שמידט. דאָס, וואָס דער קאָמאַנדאַנט האָט אָפּגעשיקט מונדינגן אויף דער אינדזל, איז אפשר געווען באַגרייפלעך, ווייל ער אַליין האָט אים וועגן דעם געהאַט געבעטן; אָבער דאָס, וואָס אויך דער פאַסטאָר האָט אונדז געמוזט פאַרלאָזן, ווייל ער האָט זיך נישט געוואָלט אָראָפּלאָזן צו ווערן אַ פאַררעטער, איז געווען ווייט פון צו זיין אַ נאָבעלע האַנדלונג. אַפילו דער קאָמאַנדאַנט אַליין האָט דאָך געמוזט צוגעבן, אַז דער פאַסטאָר האָט זיך נישט געקאָנט אויפפירן אַנדערש. אָבער דער געדאַנק, וואָס דעם קאַפּיטאַן שמידט איז געלונגען צו אַנטלויפן, האָט אים אומאויפהערלעך באַאומרואיקט. ער האָט דאָס אויפגענומען ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג, וואָס מ׳האָט אים אַליין אָפּגעטאָן. דעריבער האָט ער געהאַנדלט אומגערעכט לגבי דעם פאַסטאָר, וועלכער האָט איצט געדאַרפט אָפּקומען דערפאַר, ווייל ער האָט געזאָגט דעם גאַנצן אמת און נישט געווען קיין בעלן זיך צו פאַרנעמען אויף קרומע וועגן.

## די שאָטנס ווערן לענגער, די טעג טריבער

ווען מונדינג האָט רעזיגנירט פון זיין שטעלע, איז מען ווידער צוגעשטאַנען צו מיר פון אַלע זייטן, אַז איך זאָל איבערנעמען זיין פלאַץ. אָבער די דערפאַרונגען פון דער לעצטער צייט האָבן ביי מיר אַרויסגערופן אַ נאָך גרעסערן ווידערווילן ווי פריער. וואָלט איך געהאַט די מעגלעכקייט צו אַרבעטן מיט אַזאַ מענטשן ווי מאַיאַר מאָט, וואָלט איך גאַנץ גערן נאָכגעקומען דעם פאַרלאַנג פון מיינע חברים בצרה, אָבער מיטן אַלטן קאָמאַנדאַנט איז געווען אוממעגלעך צו קאָנען אויסקומען. דעריבער האָב איך אפילו נישט געוואָלט מאַכן קיין פרווו. און היות ווי איך האָב סיי־ווי באַלאַנגט צו דער אינערלעכער פאַרוואַלטונג, האָב איך אויך אָן דער שטעלע ווי אַ פירער פונעם באַטאַליאָן געקאָנט לאָזן קומען צום אויסדרוק מיין איינפלוס אין אינטערעס פון מיינע חברים. איך האָב דאָס דערקלערט פאַר מיינע מיטגעפאַנגענע, און ווען זיי האָבן איינגעזען, אַז זיי וועלן מיך נישט קאָנען איבעררעדן, האָבן זיי זיך בלית ברירה אָפּגעזאָגט דערפון און אַנשטאָט איך איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ געוויסער טרעפּטע ווי דער פירער פונעם באַטאַליאָן.

דורך די לעצטע טראַנספּאָרטן צו דער „אייל אָף מען" האָב איך פאַרלוירן אַ סך פון מיינע אַלטע פריינט, אַזוי אַז מיין געמיטשטימונג איז געווען אַ היפּש מרה־שחורהדיקע. וואָלט איך נישט געהאַט מיין ליבע מישפּחה אין לאָנדאָן, וואָלט איך זיך נישט געווען געקווענקלט אפילו קיין איין מינוט און וואָלט זיך געווען אָפּגעטראָגן צוזאַמען מיט די אַנדערע. דאָס לעבן דאָ איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ אומעטיקער. די איינציקע באַפרידיקונג, וואָס איך האָב נאָך געהאַט, זיינען געווען מיינע וועכנטלעכע רעפעראַטן, וועלכע האָבן געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. צוליב זיכערקייט האָב איך אין דער ערשטער צייט גערעדט בלויז וועגן ריין־ליטעראַרישע טעמעס, ביי וואָס איך האָב, אגב, געהאַט היפּשע געלעגנהייטן זיך אָפּצושטעלן גענויער אויף די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע צושטאַנדן פון יעדער רעספּעקטיווער תקופה. טיילמאָל פלעגט קומען איינער פון די צענזאָרן צו מיינע רעפעראַטן, אָבער נישט שטענדיק.

איך האָב פונקט געהאַט אָנגעהויבן אַ נייע סעריע רעפעראַטן וועגן דער ראָמאַנטישער שולע אין דייטשלאַנד, ווען ס'זיינען מיר אוועקגעשטעלט געוואָרן שטרויכלונגען. די שוועריקייטן זיינען געקומען פון אַ נייעם צענזאָר מיטן נאָמען וועלטאָן. שוין דער אויסערלעכער אויסזען פון דעמדאָזיקן מענטשן האָט געמאַכט אַ שלעכטן

איינדרוק. ער האָט קיינעם נישט געקאָנט אַריינקוקן גלייך אין פּנים אַריין און ווען עמעצער האָט אים אַריינגעקוקט גלייך און פעסט אין די אויגן אַריין, האָט ער אַראָפּ־געלאָזט זיין בליק, גלייך ווי מ׳וואָלט אים געפּאַקט ביי דער האנט ביי עפּעס א שלעכטן שטיקל אַרבעט. וועלטאָן איז געווען א דערווידערלעכער פרומאַק און ער איז געשטאַנען אין פארבינדונג מיט אַ גאַנצער ריי רעליגיעזע געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן אונדז אויף זיין אָנווייז תמיד פאַרזאָרגט מיט רעליגיעזע שריפטן. ער איז געווען אויסערגעווינלעך נייגעריק און ער האָט אַריינגעשטופּט זיין נאָז אין אַלע פאַמיליען־עינינים פון די געפאנגענע, וועלכע זיינען אים לחלוטין נישט אָנגעגאַנ־גען, — אגב אָן אייגנשאַפט, וועלכע מ׳געפינט זייער זעלטן ביי ענגלענדער. אפילו זיינע אייגענע קאָלעגן האָבן אים נישט געקאָנט פאַרטראָגן. דער אלטער קאָמאנדאנט האָט אים אינגאנצן נישט געקאָנטליידן און אזוי ווי ער האָט אים שפּעטער צוויי־מאָל געכאפּט ביי דירעקטע ליגנס, זיינען די באַציונגען צווישן זיי געוואָרן אזעלכע אָנגעצויגענע, אז וועלטאָן איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַן אַנדער לאגער, צו דער פרייד פונעם גאנצן באַטאליאָן.

צווישן מיר און וועלטאָנען האָבן פון אָנהויב אָן נישט געהערשט קיין גוטע באַ־ציונגען. היות מיר איז, ווי א קאַפּיטאַן, אויסגעקומען יעדן טאָג צו האָבן צו טאָן מיט אים, האָב איך אים גוט דערקענט און איך האָב אים נאָך ווייניקער געטרויט ווי פריער. באלד ביי זיין אָנקום צו אונדז האָט ער פאַרהאַלטן מיינס א פּעקל ביכער מיטן תירוץ, אז ס׳איז אים נישט דערלויבט צוצולאָזן צו די געפאנגענע סאָציאַליס־טישע ביכער. איך האָב אים קורץ געענטפערט, אז אויב אַזוי, וועל איך אַפּעלירן צום קאָמאנדאנט. ער האָט דאָס, קאָנטיק, נישט דערוואַרט און מ׳האָט אין אים געקאָנט דערקענען, ווי פיינלעך ס׳איז פאַר אים געווען, ווען ער האָט מיר באלד נאָכדעם געמוזט איבערגעבן די ביכער. באלד נאָכדעם האָט מיר אַ געפאנגענער פון מיין קאָמפּאניע דערציילט, אז דער צענזאָר האָט קאָנפיסקירט זיינס א בוך, אַ דייט־שע אויסגאַבע פון זאָלאַס „זשערמינאַל״, ווייל דאָס בוך איז אַן אוממאָראַלישס, לויט אים. איך בין תיכף אַוועק צו וועלטאָנען, כדי זיך דורכצושמועסן מיט אים וועגן דעם ענין, ווייל דער געפאנגענער איז געווען פון מיין קאמפּאניע. ער איז געווען פריינטלעך, ווי תמיד, און ס׳איז ביי אים אויסגעקומען, אַז ס׳איז אים שווער צו גלייבן, איך זאָל האָבן אַן אינטערעס אַריינצולאָזן אזעלכע אוממאָראַלישע ווערק אינעם לאַגער. איך האָב אים געפרעגט, אין וואָס עס באַשטייט די אומזויבערקייט. מיין איינגעשפּאַרטקייט האָט אים פאַרדראָסן, אָבער פונדעסטוועגן האָט ער זיך באַ־הערשט און א זאָג־געטאָן מיט א טאָן פון אויפגעטראָגנקייט:

— צי מיינט איר באמת, אז די סצענע, אין וועלכער אומפאַרשעמטע ווייבער מאכן דעם קרעמער פאַר אויס מאַנסביל, איז נישט עקלהאַפטיק ביז צום העכסטן גראַד?

ס׳איז באמת איבערראַשנדיק, מיט וואָס פאַראַ זיכערקייט פרומאַקעס פון זיין סאָרט פאַרשטייען אַרויסצובאַקומען אזעלכע שטעלן פון אַ ווערק. האָב איך אים דעריבער געוואָלט נעמען אויפן זיכער און אים אַ פרעג־געטאָן, צי ער האָט אינעם

גאנצן בוך נישט אנטדעקט עפּעס אנדערש ווי נאָר יענע שטעלן. ער האָט זיך אביסל פארלוירן און קורץ אָפּגעהאַקט דעם שמועס. איך אָבער האָב דעם מאַן, וועמען מ׳האָט פאַרהאַלטן דאָס בוך, געהייסן זיך פאַרן קאָמאַנדאַנט און אין אייניקע טעג אַרום האָט מען אים אָן שוועריקייטן אַרויסגעגעבן דאָס קאָנפּיס־קירטע ווערק.

אָט־דער נייער צענזאָר איז עס געווען, וועלכער האָט מיר געמאַכט די ערשטע שוועריקייטן ביי מיינע רעפעראטן. איך האָב אין מיין סעריע רעפעראַטן וועגן דער ראָמאַנטישער שול פּונקט צוגעגרייט אַ לעקציע וועגן ע. ט. א. האָפמאַן. האָט דע־מאָלסט וועלטאַן געלאָזט וויסן דעם קאָמאַנדאַנט, אַז לויט אַ נייער באַשטימונג פונעם קריגסמיניסטעריום טאָר מען אין די לאַגערן נישט האַלטן קיין רעפעראַטן וועגן דער מאָדערנער דייטשער ליטעראַטור, ווייל אין דייטשלאַנד האָט מען אַרויסגעגעבן אַן ענלעכע גזירה וועגן די היינטצייטיקע ענגלישע שריפטשטעלער. איך בין דעריבער פאַרבעטן געוואָרן צום קאָמאַנדאַנט, וועלכער האָט גערופן מיין אויפמערקזאַמקייט אויף דער נייער פאַראָרדענונג, און ער האָט באַדויערט, אַז ביי אָט־די אומשטענדן קאָן ער מיר נישט באַוויליקן צו רעדן וועגן דער דערמאָנטער טעמע. איך האָב אים געענטפערט, אַז אַ שריפטשטעלער, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1822, קאָן מען דאָך נישט באַטראַכטן ווי אַ פאָרשטייער פון דער מאָדערנער דייטשער ליטעראַטור.

נו, איצט האָט דער קאָמאַנדאַנט אַ קוק־געטאָן אויפן צענזאָר און אים באַטראַכט מיט אַ מאָדנעם בליק. דער צענזאָר איז געוואָרן רויט ווי אַן אינדיק און נישט גע־ווּסט וואָס צו זאָגן. פונדעסטוועגן האָט ער אַרויסגעבראַכט, אַז לכל הדעות האַנדלט זיך וועגן אַ רעפעראַט איבער דער דייטשער ליטעראַטור. האָט אים נאָכדעם דער קאָמאַנדאַנט אַ פרעג־געטאָן מיט אָפענעם שפּאָט, צי ער האָט שוין אַמאָל באַזוכט מיינע רעפעראַטן. דער צענזאָר איז געוואָרן נאָך מער צעטומלט און געענטפערט, אַז ביז איצט האָט ער נאָך נישט געהאַט קיין געלעגנהייט פאַר דעם.

— נו, גוט, אויב אַזוי, — האָט דער קאָמאַנדאַנט אַ זאָג־געטאָן, זיך ווענדנדיק צו מיר. — איר קאָנט האַלטן אייער רעפעראַט און הער וועלטאָן וועט זיך באַמיען אייך אויסצוהערן.

איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטן נישט אַרויסצופּלאַצן מיט אַ געלעכטער און זיך אויף שנעל דערווייטערט פון דאַנען.

אין לאַגער גופא זיינען די פאַרהעלטענישן וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ ערגער. דורך אונדזער אומדערמידלעכער אַרבעט האָבן מיר אין לויף פון דער צייט באַוויזן צו אַנטוויקלען ביי די געפאַנגענע אַ געפיל פון ווידערשטאַנד קעגן באַשיימפּערלע־כער אומגערעכטיקייט און אַ דאַנק דעם האָבן מיר געקאָנט געניסן פון געוויסע ווערטפולע פאַרבעסערונגען. אָבער דורך די פּעריאָדישע טראַנספּאָרטן אויף דער „אייל אָף מען" איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנץ נייע לאַגע, וועלכע האָט געשטעלט אין סכנה אַלע ביז איצטיקע דערגרייכונגען. די נייע מענטשן, וועלכע זיינען אָנגעקו־מען, זיינען טיילווייז געווען שטאַרק געפאַלן ביי זיך און אָפּגעשראָקן צוליב די כסדרדיקע רדיפות און דערנידעריקונגען, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט, פאַרן אַרעסטירט

ווערן, געהאט אויסצושטיין. אַ סך פון זיי האָבן געהאט זייערע פאַמיליעס אין לאָנדאָן און די אייביקע מורא פאַרשיקט צו ווערן אויף דער אינדזל, איז געווען פאַר זיי אַן אמתע אָפּקומעניש און דאָס האָט זיי געמאַכט ווייכער און נאָכגעביקער. עס פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג איז דאָס נישט געווען קיין סוד און זי האָט דאָס אויסגענוצט אביסל איינצוציען די לייצעס. ווער ס'האָט נישט נעפאָלגט, איז אָפּגעשיקט געוואָרן אויף דער אינדזל. ס'איז אפילו געלונגען מיט דער צייט צו האָבן אַ געוויסע ווירקונג אויף די ניי־אָנגעקומענע, אָבער ביז דאָס איז געשען, זיינען אַלץ נייע טראַנספּאָרטן אָפּגעגאַנגען צו דער אינדזל און מיר האָבן ביי יעדן מאָל געמוזט אָנהייבן פונדאָסניי.

ביי אָט־די אומשטענדן איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין דעם פירער פונעם באַטאַליאָן, וואָרן אים איז אויסגעקומען צו קעמפן מיט אַן אַלץ גרעסערן ווידער־שטאַנד. דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלץ דייטלעכער, אַז אונדזער נייער פירער פונעם באַטאַליאָן, טרעפּטע, איז נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ לאַגע. כימעט יעדע וואָך איז ער געשטאַנען פאַר אַ נייער צרה און נישט געוווסט, ווי אַזוי אַרויס־צוקריכן פון איר. און ביי יעדן מאָל, ווען ער האָט נישט געוווסט ווו אויס און ווו איין, פלעגט ער קומען צו מיר נאָך אַן עצה, וועלכע איך האָב אים קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס ער איז ביסלעכווייז אַרונטערגעפאַלן אונטערן צענזאַר וועלטאַנס איינפלוס און איך האָב לסוף געמוזט איינזען, אַז ס'האָט דאָך נישט קיין שום זין אים צו געבן עצות.

איינע פון די אומגליקלעכסטע דערשיינונגען אין דער צייט פון טרעפּטעס פי־רערשאַפט איז געווען דאָס אָפּשיקן גאַנצע קאָמפּאַניעס צו דער אייל אָף מען. ביז איצט פלעגט מען נאָך מאַכן אַ געוויסן חילוק ביים אָפּקלייב פון די מענטשן און געהאט איינזעעניש מיט יענע, וועלכע האָבן געהאַט זייערע פאַמיליעס אין לאָנדאָן. איצט אָבער איז נישט געווען קיין שום אָפּהאַלט. דער דערפינדער פון אָט־דעם נייעם מעטאָד איז געווען דער צענזאַר וועלטאַן און טרעפּטע איז געווען צו שוואַך זיך צו קאָנען אַרויסשטעלן קעגן אָט־דער פונקט אַזוי זינלאָזער ווי אכזריותדיקער פאַר־אָרדענונג. מ'האָט זיך אַפילו נישט געגעבן די מי צו לאָזן וויסן די פרויען פון די פאַרשיקטע, אַזוי אַז דער רוב פון זיי איז געוויר געוואָרן וועגן דער פאַרשיקונג פון זייערע מענער ערשט ווען זיי זיינען געקומען זיי באַזוכן. דערביי פלעגן זיך אָפּשפּילן האַרצרייסנדיקע סצענעס. אַ סך פון די אָרעמע פרויען פלעגן פּשוט נישט קאָנען קומען צו זיך פון צער, ווען זיי האָבן זיך דערוווסט וועגן זייער בראָך; אַנדערע האָבן שטיל געוויינט פאַר זיך און זיינען קוים געווען אימשטאַנד זיך אומצוקערן אַהיים.

דאָס קאַלטע וועטער האָט זיך דאָס יאָר אָנגעהויבן זייער פרי און אַזוי ווי די דאַמף־באַהייצונג אין אונדזער באַטאַליאָן האָט נישט פונקציאָנירט, האָט אינעם ריזיקן זאַל געהערשט אַ ביטערע קעלט, און די געפאַנגענע זיינען געווען געצוווּנגען דעם גאַנצן גרעסטן טייל פון טאָג צו ליגן אויף זייערע בעטלעך איינגעהילט אין די קאָלדרעס. כימעט יעדער איינער פון אונדז האָט געליטן פון כראָנישער פאַרקילונג

און אזוי ווי דאס שפיטאל איז געווען איבערפולט ביז צום לעצטן פלאק, איז דער רוב קראנקע געבליבן אינעם גרויסן זאל. צום ערגסטן איז געווען אין די נעכט. דאס זיפצן, אכצן, אויקען און הוסטן האט גארנישט געוואלט אויפהערן און פלעגט מאכן א שרעקלעך־אומהיימלעכן איינדרוק.

אין לאגער האט מען דעמאלסט שוין געמאכט צוגרייטונגען צו פייערן דעם צווייטן וויינאכט־יום־טוב אין דער געפאנגענשאפט. מיר האבן באשלאסן צו פארשאפן פאר די אינטערנירטע לפחות א בעסער מאלצייט, וועלכן מיר האבן נאטירלעך געמוזט צוגרייטן אויף די אייגענע קאסטן. פאר דעם צוועק זיינען דורכגעפירט געווארן זאמלונגען צווישן די בעסערשטייענדיקע געפאנגענע. אויך אונדזער קאנצערטפאריין האט זיך אונטערגענומען צו געבן צוויי ספעציעלע פארשטעלונגען, וועמעס הכנסות זיינען געווען באשטימט פארן וויינאכטספאנד. אט־דער פאריין איז געגרינדעט געווארן אייניקע חדשים נאך אונדזער אנקום און אין א קורצער צייט ארום האט ער געהאט אן אויסגעצייכנטן ארקעסטער. אין לאנדאן האט פאר דער מילחמה געלעבט א גרויסע צאל דייטשע מוזיקער, וועלכע זיינען געווען באשעפטיקט אין א סך טעאטערס און קאנצערטהייזער פון דער הויפטשטאט. דער רוב פון זיי איז אינטערנירט געווארן און געבראכט געווארן אין אונדזער לאגער. אזוי ווי אונדזער קאמאנדאנט איז געווען א גרויסער מוזיקליבהאבער, האט ער באגינציקט די אנטוויקלונג פונעם ארקעסטער אויף אלע אופנים און האט נישט געפעלט ביי קיין שום קאנצערט. די אויפטוען פונעם קאנצערטפאריין האבן טאקע געהערט צו די בעסטע פארווייַלונגען אין דער צייט פון אונדזער געפאנגענשאפט.

די יום־טוב־טעג האבן געבראכט א בעסערע שטימונג אינעם לאגער, אבער קיין אמתע פרייד איז נישט מעגלעך געווען צו פילן. די געדאנקען פונעם רוב האבן זיך אוועקגעטראגן צו זייערע מישפחות, וועלכע א סך פון אונדז האבן איבערגעלאזט אין דרויסן אין דער ביטערסטער נויט. די באשטענדיקע זארג פארן גורל פון זייערע מישפחות האט די מענטשן מער געפייניקט ווי די געפאנגענשאפט גופא און האט געהויערט אויף דער נשמה ווי א שווערער בארג. אזוי ארום איז דער יום־טוב־טאג אריבער אין א שווערער שטימונג און דאס נייע יאר האט זיך דערנענטערט. דער קאמאנדאנט האט אונדז באוויליקט צו פארברענגען וואכעדיק אין דער סילוועסטערנאכט ביז האלב איינס און אפצושיידן דאס נייע יאר מיט א קליינעם יום־טוב.

איך אליין האב זיך אין יענעם טאג געפונען אין א געהויבענער שטימונג, ווייל איך האב געהאט באקומען בריוו פון קראפאטקין, קיל, עמא גאלדמאן און אנדערע פריינט. די גרעסטע פרייד מיינע איז אבער געווען מיליס און מאלאטעסטאס באזוך אין דער סילוועסטערנאכט. ס'איז געווען פאר מיר א זעלטן פארגעניגן צו קאנען פונדאסניי באגריסן דעם אלטן קעמפער, וועלכער איז מיר געווען אזוי ליב און טייער. מאלאטעסטא איז געווען פול מיט גלויבן און האפענונג. ער האט געהאלטן, אז דייטשלאנד וועט נישט קענען לאנג אויסהאלטן דעם מיליטערישן דרוק און ביפרט די בלאקאדע. און נאכדעם מוז דער אלטער רעזשים דארט חרוב ווערן און ברענגען מיט זיך גרויסע רעוואלוציאנערע צעטרייסלונגען אין גאנץ אייראפע, ווייל דע־

מאָלט וועלן שוין אויך די אַליאירטע זיין אַזוי שטאַרק אָפּגעשוואַכט, אַז מ׳וועט שוין אפילו נישט קאָנען חלומען וועגן זיגער און באזיגטע. אנדערש אָבער, האָט ער געהאַלטן, וועט ווערן די סיטואַציע, אויב אמעריקע זאָל אויך אַריין אין דער מיל־חמה. אין דעם פאַל מוז מען זיך שוין רעכענען מיט א פולשטענדיקן ניצחון איבער דייטשלאַנד, און דאָס ווידער וועט פירן צו א קלעריקאַל־מיליטערישער רעאַקציע אין פראַנקרייך אויף פינף ביז צען יאָר צייט און במילא וועט דאָס אָפּשטופּן אייראָפּעס רעוואָלוציאָנערע רעקאָנסטרוקציע אויף א סך יאָרן. די קורצע צייט פונעם באזוך איז פאַר אונדז אריבערגעלאָפן צו גיך, אָבער ער האָט מיך צוגעזאָגט מיך באלד ווידער צו באזוכן און זיך הארציק געזעגנט מיט מיר.

די נאַכט פון נייעם יאָר איז ביי אונדז אין באטאַליאָן אַריבער זייער אָנגענעם און ווען דער זייגער האָט אָנגעוויזן אויפן אָנהויב פונעם נייעם יאָר, איז מען צו מיר צוגעשטאַנען פון אַלע זייטן, אז איך זאָל רעדן עטלעכע ווערטער. און אזוי ווי איך האָב זיך געפילט אין אַ זייער גוטער שטימונג, האָב איך גערן באפרידיקט דעם ווונטש פון מיינע חברים בצרה. איך האָב אָפּגעפרישט זייער מוט און פארלאַנגט פון זיי זיך צו האַלטן מענלעך און מוטיק לגבי זייער גורל און בשום אופן זיך נישט לאָזן באַ־הערשן פון פארצווייפלונג. מיר אליין איז יענעם אָוונט געווען אזוי לייכט אויפן געמיט, אז איך האָב געפילט, ווי מיין אייגענע שטימונג גייט־אַריבער צו זיי און לעבט אין זיי אויף די האָפענונג אויף בעסערע צייטן, א האָפענונג, וועלכע איז פאַר זיי אַלע געווען אַזוי נייטיק, ביכדי זיי צו באשיצן פון זייער שווערער שטימונג.

דאָס נייע יאָר האָט זיך אָנגעהויבן טרויעריק און שווער. איינער פון אונדזערע מיטגעפאנגענע, דער פישער מאַכעליס, האָט דעם ערשטן טאָג פון יאָר באַקומען פון זיין פרוי פון דייטשלאַנד די שרעקלעכע ידיעה, אז זיינע פיר זין זיינען אין איין וואָך געפאלן אויפן „ערנפעלד״. איינע פון זיינע שנירן איז ביים דערהאַלטן דידאָזיקע איוב־בשורה אַראָפּ פון זינען און געמוזט אָפּגעפירט ווערן אין אַ משוגעים־הויז. נאָך היינט זע איך דעמדאָזיקן מענטשן פאַר מיינע אויגן. ער האָט נישט אויסגערעדט קיין איין וואָרט און מ׳האָט דערקענט אין אים, אַז ער האָט כימעט נישט געהערט די טרייסטווערטער, מיט וועלכע זיינע חברים האָבן אים געוואָלט טרייסטן. און אינ־דעראמתן, — וואָס האָבן דאָ געקאָנט העלפן טרייסטווערטער? דאָ איז אַ מענטשלעכע נשמה ברוטאַל צעטראָטן געוואָרן; אַ האַרץ איז אויסגערונען, און ס׳האָט שוין דאָרט מער נישט געקאָנט אויפגיין קיין פרישע שפּראָצונג, קיין ניי לעבן. דער פישער איז געווען א מוטיקער מאַן. ער האָט געפילט, אז דאָס כסדרדיקע גריבלען זיך וועט אים אַראָפּפירן פון זינען. האָט ער זיך דעריבער גענומען פעסט אין די הענט אריין און גובר געווען דעם שווערן קלאַפּ פונעם גורל. ער האָט זיך נישט געקלאָגט און לגבי דרויסן האָט עס אויסגעזען, אז ער איז שוין געקומען צו זיך. אָבער ווער האָט געקאָנט וויסן, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין אָט־דער שווער־געפּרוווטער נשמה.

אַרום יענער צייט האָט אונדזער לאַגער כימעט יעדן טאָג באקומען נייע געפאַנ־גענע פון דרויסן. די דייטשע לופטאַטאַקעס האָבן דערפירט צו אַ סך נייע אַרעסטן און מ׳האָט די אַרעסטירטע איינצלווייז אָדער גרופּעסווייז געבראַכט צו אונדז אין

לאגער. אַזוי אַרום זיינען אויך געקומען אין אונדזער באַטאַליאָן פיר אַלטע דייטשע חברים: אַלבערט ווייזהייט, ריכאַרד קלאָזע, אַוגוסט שטראַקע און אַדאָלף פיינגאָלד. אָבער נישט בלויז דייטשן און עסטרייכער האָט מען אונדז געבראַכט, נייערט אויך שפּאַניער, אַרגענטינער, רוסן און אַמעריקאַנער, אפילו א ריינראַסיקער ענגלענדער פון בירמינגהעם איז אַריינגעפאַלן צו אונדז אין געפאַנגענשאַפט. אָט־די אַלע מענטשן זיינען אַראָפּגענומען געוואָרן פון נייטראַלע שיפן, אויב זייערע פּאַפּירן זיינען נישט געווען אינגאַנצן אין אָרדענונג. אַריינקומען אין אַן אינטערנירלאַגער איז געווען לייכט, אָבער אַרויסצוקומען פון דאָרט איז געווען זייער שווער. אַזוי האָט מען אַן אַרגענטינער געהאַלטן פיר, אַ האָלענדער — פינף און אַ רוס — אפילו זיבן חדשים אינעם לאַגער, ביז מ׳האָט זיי לסוף געגעבן א מעגלעכקייט זיך צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיט זייערע קאָנסולן אין ענגלאַנד. צום שענסטן איז געווען די געשיכטע מיטן ענגלענדער. מ׳האָט אים אַראָפּגענומען פון אַ שיף, ווייל עפּעס איז אין זיינע פּאַפּירן נישט געווען אין אָרדענונג. אָבער ער אַליין האָט זיך לחלוטין נישט באַמיט פאַר זיין באַפרייונג און געלעבט מיט אונדז אין דער בעסטער האַרמאָניע. ווען איך האָב אים איינמאָל אַ פרעג־געטאָן, פאַרוואָס ער באַמיט זיך נישט פאַר זיין באַפרייונג, האָט ער מיר געענטפערט מיט דער גאַנצער רואיקייט: „ווייל איך האַלט, אַז ס׳איז בעסער צו זיין אינטערנירט צוזאַמען מיט דייטשן ווי א לעבעדיקער ענגלענדער, איידער באַגראָבן צו ווערן ווי א טויטער ענגלענדער ערגעץ אין בעלגיע אָדער אין פראַנקרייך". דער מענטש האָט געהאַט הומאָר.

אין פעברואַר איז דער אַלטער קאָמאַנדאַנט ערנסט קראַנק געוואָרן און ער איז במשך פון א סך וואָכן געלעגן אין בעט. דער מאַיאָר מאָט האָט אין דערדאָזיקער צייט אָנגעפירט מיט דער פאַרוואַלטונג פון לאַגער און יעדער איינער פון אונדז האָט דאָס געפילט ווי א גרויסע פאַרלייכטערונג, ווייל ביי אים איז אַלעס צוגעגאַנגען גלאַטיק און אָן רייבונגען, אָן האַסט און אָן נערוועזיטעט.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען מיר געלאָזט וויסן, אַז דער אַלטער וויל מיט מיר רעדן. איך בין אַוועק צו זיין וווינונג, ווו איך האָב אינעם פאָדערשטן צימער געטראָפן דעם דאָקטער און א קראַנקנשוועסטער. דער דאָקטער האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳איז דעם אַלטן שוין בעסער, אָבער פונדעסטוועגן האָט ער מיך געבעטן, אַז מער ווי צען מינוט זאָל איך מיט אים נישט רעדן, ווייל דער קראַנקער איז נאָך אַלץ זייער שוואַך. די קראַנקנשוועסטער האָט מיר געעפנט די טיר און מיר אָנגעוויזן אויף א וואַנטשירעם אינעם הינטערגרונט פונעם גרויסן לופטיקן צימער, ווו ס׳איז געשטאַנען דעם קראַנקנס בעט. ער האָט מיך באַגריסט מיט א לייכטן שמייכל. די קראַנקייט האָט אים שטאַרק אויסגעצערט. ער האָט אויסגעזען צו האָבן עלטער געוואָרן מיט צען יאָר. ער איז געווען ווי אויסגעטריקנט און דאָס געלבלעך־גרויע פּנים איז געווען באַדעקט מיט טיפע קנייטשן. ס׳איז מיר געווען שווער צו גלייבן, אַז דאָס איז געווען דערזעלביקער מענטש, וועלכער האָט זיך געקאָנט אַזוי סכנותדיק קאָכן און שעלטן און נישט געקוקט אויף זיין הויכער עלטער איז ער שטענדיק מיט פלינק־עלאַסטישע שריט אַרומגעקראָכן אינעם גאַנצן לאַגער.

איך האָב אים געפרעגט, ווי ער פילט זיך און אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז ער וועט אינגיכן אינגאנצן קומען צו זיך. ער האָט מיד געשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך אויסגעדריקט, אַז אַ מענטש אין זיינע יאָרן קאָן שוין נישט דערוואַרטן קיין סך. נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעפרעגט, וואָס ס׳הערט זיך אינעם באַטאַליאָן. איך האָב אים געזאָגט, אַז פון זינט דער צייט, וואָס ער פעלט, האָט זיך גאָרנישט געענדערט. אַ שוואַכער שמייכל האָט זיך געמערקט אויף זיין אויסגעצערט פּנים. ער האָט פאַר־זיכערט, אַז בשעת זיין קראַנקייט האָט ער זיך מצער געווען צוליב אונדז. ער האָט באמת געגלויבט, אַז אָן אים ווערט פון אַלץ אַ חורבן.

נאָך אַ קורצער ווײַלע האָט ער פּלוצים אַ זאָג־געטאָן מיט אַ שוואַכן און ציטערנ־דיקן קול:

— איך בין שטענדיק אויסן געווען דאָס בעסטע פאַר די מענטשן אינעם לאַגער. אַ סך ווילן דאָס, צום באַדויערן, נישט פאַרשטיין. נאַטירלעך, אַז איך קאָן נישט צו־פרידנשטעלן יעדן איינעם, ווי איך וואָלט דאָס גערן געוואָלט. ווי אַ פאַרניינפטיקער מענטש וועט איר פאַרשטיין, אַז אין אַ סך פּרטים האָב איך נישט קיין פרייע הענט. נישט תמיד קאָן איך טאָן דאָס, וואָס איך וויל. איך באַדויער די אומגליקלעכע לאַגע פון די מענטשן און ווייס, וואָס דאָס הייסט אַזוינס, ווען מ׳ווערט פּלוצלינג אויף אַזוי פיל יאָרן אַרויסגעריסן פון דער פאַמיליע און פונעם קרייז, אין וועלכן מ׳לעבט. פאַר די עלטערע מענטשן איז דאָס נאָך שווערער און מ׳מוז טאָן אַלץ, אַז זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג.

איך בין געווען זייער שטאַרק איבערראַשט אים צו הערן אַזוי רעדן. האָט ער מיך גערופן בלויז צוליב דעם, כדי מיר צו זאָגן דאָס, וואָס ער האָט מיר געזאָגט? און אפשר איז ער גאָר אויסן עפּעס אַנדערש? אָבער דאָס איז געווען שווער צו גלייבן, און מיר, אין מיין באַוווסטזיין, האָט זיך פאַרקריצט דאָס ריין־מענטשלעכע פון דער גאַנצער סצענע.

איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז פאַרן רוב פון אונדז זיינען נישט אומבאַקאַנט די גוטע כוונות, וואָס ער האָט, אָבער מ׳מוז באַגרייפן, ווען עס פּלאַצט צייטנווייז די געדולד ביי מענטשן, וועלכע געפינען זיך אָן זייער אייגענער שולד אין אַזאַ סיטואַציע ווי מיר. אַ צופרידענער שמייכל האָט געשוועבט אויף זיין איינגעפאַלן פּנים. אין דעם מאָמענט האָט זיך לייכט געעפנט די טיר און די קראַנקנשוועסטער האָט מיר געגעבן אַ לייכטן ווונק. האָב איך אים איצט געזאָגט, אַז איך מוז שוין גיין, ווייל אַ לענגערער אָנשטרענג קאָן זיין שעדלעך פאַר זיין געזונטצושטאַנד. ער האָט שטום אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ און מיר דערלאַנגט די האַנט, וואָס ער האָט פריער קיינמאָל נישט געטאָן.

עטלעכע וואָכן שפּעטער איז שוין דער אַלטער געשטאַנען אויף די פיס, אַזוי אַז ער האָט שוין געקאָנט גיין שפּאַצירן אויף דער טעראַסע, אָנגעשפּאַרט אינעם אָרעם פון דער קראַנקנשוועסטער. באַלד האָט ער זיך ווידער אָנגעהויבן באַווייזן אין לאַגער, כדי צו זען, וואָס עס טוט זיך דאָרט. פון אָנהויב איז ער געווען זייער מילד און צוגעלאָזן; ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די שווערע קראַנקייט האָט אים אינגאַנצן געביטן. אָבער

דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט. ווי נאָר ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז שוין איבערגעקומען די שלאַפקייט, האָט זיך אומגעקערט צו אים זיין אַלטע טבע. ווידער האָט ער געשאָלטן, זיך געוואָרפן און געזידלט אויף וואָס די וועלט שטייט און מ'האָט אים קיינמאָל נישט געקאָנט צופרידנשטעלן. אַזוי מאָדנע איז די מענטשלעכע נאַטור.

זינט דעם נייעם יאָר האָט אין אונדזער באַטאַליאָן געהערשט אַ שטענדיקער קריזיס. דער פירער פונעם באַטאַליאָן, טרעפּטע, האָט פאַרלוירן דעם גאַנצן צוטרוי ביי אונדזערע מיטגעפאַנגענע. טיילווייז איז אין דעם שולדיק געווען די דעמאָלסטיקע פאַרקלענערונג פון די פּאַרציעס שפּייז, וועלכע איז איינגעפירט געוואָרן אין אַלע לאַגערן פון לאַנד דורך אַ פאַראָרדענונג פונעם קריגסמיניסטעריום, קעגן וועלכן ס'האָט אפילו ביים בעסטן ווילן גאָרנישט געקאָנט טאָן נישט דער קאָמאַנדאַנט און נישט טרעפּטע. ס'זיינען אָבער געווען אַ סך אַנדערע זאַכן, פאַר וועלכע טרעפּטע איז יאָ שולדיק געווען צוליב זיין אומבאַטראַכטקייט און ביפּרט צוליב זיין צו גרויסער נאָכגיביקייט לגבי דעם צענזאָר וועלטאָן. עס איז דעריבער אַלץ אָפטער דערגאַנגען צו סקאַנדאַלן אינעם באַטאַליאָן, ביז טרעפּטע האָט זיך לסוף געמוזט דעצידירן צו רעזיגנירן פון זיין שטעלע.

ווי נאָר מ'איז אין באַטאַליאָן געוואויר געוואָרן, אַז דער קאָמאַנדאַנט האָט אָנגענו־מען טרעפּטעס רעזיגנאַציע, איז מען ווידער צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל איבער־נעמען זיין פּלאַץ. איך אַליין האָב אויך געהאַט איינגעזען, אַז איך וועל זיך שוין איצ־טיקס מאָל נישט קאָנען שטעלן קעגן אַלגעמיינעם פאַרלאַנג פון מיינע מיטגעפאַנגענע און איך האָב זיך דעריבער נישט געשטעלט קעגן דעם.

די וואַלן זיינען פאָרגעקומען דעמזעלביקן טאָג. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז איך בין אויסגעקליבן געוואָרן מיט 898 שטימען קעגן 87 און 13 אָפּגעהאַלטענע. איך האָב, אַזוי אַרום, איבערגענומען די פאָרשטייערשאַפט פונעם באַטאַליאָן. מיינע חברים בצרה האָבן באַגריסט מיין אויסוואַל מיט גרויסער פרייד און באַגייסטערונג, אַ פרייד און באַגייסטערונג, וועלכע איך אַליין האָב, צום באַדויערן, נישט געהאַט. איך האָב דאָך גוט געוווּסט, וואָס פאַרא שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט איך האָב אויף זיך גענומען מיט אָט־דער שטעלע. און ס'איז מיר דעריבער געווען שווער אויפן געמיט. אגב, בין איך דעמאָלסט געווען פעסט איבערצייגט, אַז איך וועל מיין שטעלע לאַנג נישט קאָנען אָנהאַלטן, ווייל די כסדרדיקע פאַרשאַרפונג פון די מאַטעריעלע באַדינ־גונגען וועט מיט דער צייט מוזן ווערן נאָך ערגער און במילא וועט דאָס מוזן פירן צו שווערע קאָמפּליקאַציעס. אין דעם פּרט האָב איך זיך אָבער שטאַרק טועה געווען, וואָרן איך בין במשך פון צוויי יאָר צייט געבליבן צוגעבונדן צו מיין שטעלע, און בין פון איר באַפרייט געוואָרן ערשט דעמאָלסט, ווען איך האָב געמוזט פאַרלאָזן דעם לאַגער און אויך ענגלאַנד.

צומאָרגנס בין איך אַוועק צום קאָמאַנדאַנט, כדי אים צו לאָזן וויסן דעם רעזול־טאַט פון די וואַלן, וועגן וועלכן ער האָט שוין, אגב, געוווּסט. ער האָט מיך פריינטלעך באַגריסט, מיר געווונטשן גליק און אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז איך וועל אים העלפן איינצושטעלן אַ גוטע האַרמאָניע צווישן אים און דער אינערלעכער פאַרוואַל־

טונג פונעם לאגער. אזוי ווי איך האָב געוווסט, אז דער אלטער איז מיט מיין פאַר־גייער אָפט געווען זייער אומגעדולדיק און געווען פאלן, ווען ער האָט אים אפילו נישט געוואָלט אויסהערן, ווען ער איז געקומען זיך באַקלאָגן אויף עפּעס, האָב איך תיכף געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט און אים גאנץ אָפנהערציק קלאָר מאכן מיין קוק אויף די זאַכן. האָב איך אים דעריבער געזאָגט, אַז ווי אַ פאַרטרעטער פונעם באטאַליאָן מוז איך ראשית־כל זיך אַרויסשטעלן פאַר די אינטערעסן פון מיינע מיטגעפאנגענע, ביכדי צו רעכטפאַרטיקן דעם צוטרוי, וואָס זיי האָבן מיר אַרויס־געוויזן. איך האָב אים דערקלערט, אז איך וועל זען אים קיינמאָל נישט צו באַלעסטיקן מיט זאכן, וועלכע איך וועל קאָנען דערלידיקן אַליין. אָבער דאָרט, ווו ס'וועט זיך האנדלען וועגן עינינים, ווו איך אַליין וועל גאָרנישט קאָנען טאָן אָן זיין באוויליקונג, וועל איך מוזן רעכענען אויף זיין גוטן ווילן און הילפסגרייטקייט, ווייל אָן דעם האָט עס דאָך פאַר מיר אַפילו נישט קיין זין אָנצוהייבן מיט מיין טעטיקייט.

איך האָב גערעדט צו אים גאנץ פריי און אָפן, אזוי אז ער האָט אומבאדינגט געמוזט פילן, אז איך האָב דאָ נישט אין זינען קיין שום הינטערגעדאנק. ער האָט דאָס אויך געפילט און האָט זיך אַרויסגעשטעלט מיט אזא אָפנהארציקייט, וועלכע האָט מיך אויסערגעוויינלעך איבערגעראַשט. ער האָט מיר נעמלעך דערציילט, אז נעכטן, ווען ער איז געווויר געוואָרן דעם רעזולטאַט פון די וואלן, האָט ער געבעטן אינפאָר־מאציע וועגן מיר אין סקאָטלאַנד יאַרד. דאָס איז אייגנטלעך נישט זיין טבע, האָט ער געזאָגט, אָבער אזוי ווי אים איז באַקאַנט מיין פּאָליטישע שטעלונג, האָט ער געהאלטן פאַר זיין חוב צו פאַרלאַנגען אַזאַ אינפאָרמאציע, כדי אפשר צו זיין אימשטאַנד באַ־צייטנס צו פאַרהיטן פון שלעכטע פאָלגן.

ער האָט א ווײַלע געשוויגן און נאָכדעם האָט ער ווייטער גערעדט:

— אויף מיין טעלעפאָנישן אָנפרעג האָט מען מיר געענטפערט: „ראָקער איז זינט אַ סך יאָרן באקאנט ווי איינער פון די אקטיווסטע אנארכיסטן אין ענגלאַנד, אָבער קעגן זיין פערזענלעכער ערלעכקייט איז גאָרנישט פאַראַן וואָס צו זאָגן". דאָס איז אַלעס, וואָס איך האָב געוואָלט וויסן. וועגן אייער פּאָליטישן קוק אויף זאכן האָב איך גאָרנישט וואָס צו זאָגן. פאַר מיר איז גענוג די פערזענלעכע ערלעכקייט פון א מענטשן.

האָב איך זיך איצט גענומען צו דער אַרבעט, וועלכע איז נישט תמיד געווען לייכט און אָפט טאָקע פארבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. אָבער זי האָט מיר אויך געגעבן די מעגלעכקייט צו דערלייכטערן אויף א געוויסן אופן די האָפענונגסלאָזע לאגע פון טויזנטער פון מיינע מיטגעפאנגענע און פּראַקטיש אויספּרווון מיינע אייגענע כוחות און מיין לעבנסבאַנעם.

ביי דער ערשטער פארזאמלונג פון די קאפיטאַנען האָב איך פאָרגעלייגט קודם־כל דורכצופירן נייע וואלן פון דער גאנצער אינערלעכער פארוואלטונג, ביכדי מיר זאָלן פון אָנהייב אָן האָבן אויף אונדזער זייט דעם פולן צוטרוי פון אונדזערע מיטגע־פאנגענע. מיר איז בעיקר געגאנגען אין דעם, אז אלע אינערלעכע עינינים פונעם באטאַליאָן זאָלן באזאָרגט ווערן פון אונדז גופא און די ענגלישע מיליטערישע פאַר־

וואַלטונג זאָל צוגעצויגן ווערן נאָר אין אַזעלכע עינינים, ווען ס׳וועט נישט זיין קיין אַנדערע ברירה. ביי די נייע וואלן זיינען אויסגעוויילט געוואָרן כימעט אלע אלטע קאַפּיטאַנען.

די ערשטע און וויכטיקסטע פראגע, וואָס האָט מיך באשעפטיקט, איז געווען דער עינין דערנערונג. אוודאי האָבן מיר אין דעם פּרט וויניק־וואָס געקאָנט ענדערן, וואָרן די פּאָרציעס זיינען דאָך באשטימט געוואָרן פון דער ענגלישער רעגירונג. דער איינציקער, וועלכער האָט דאָ אפשר עפּעס געקאָנט טאָן, איז געווען דער אמעריקאנער געזאנדטער, וועלכער האָט נאָך דעמאָלסט געהאט די פארטרעטערשאפט פון די דייטשן און עסטרייכער אין ענגלאנד. מיר פלעגן טאַקע גאנץ אָפט צושיקן צו דער געזאנדשאַפט שריפטלעך אונדזערע טענות, הגם מיר האָבן דערמיט נישט דערגרייכט דעם מינדסטן רעזולטאט. אָבער ווען אפילו מיר זיינען נישט געווען אימשטאַנד צו פארגרעסערן די פּאָרציעס, האָבן מיר אָבער געקאָנט אכטונג געבן, אז די פּראָדוקטן, אויף וועלכע מיר האָבן געהאט אַ רעכט, זאָלן אונדז איבערגעגעבן ווערן אין זייער פולער וואָג. און דווקא אין דעם פּרט איז אין אלע לאגערן געווען אַ גרויסע צרה, ווייל כימעט אומעטום זיינען מיט דער צייט אויפגעדעקט געוואָרן גרויסע שווינדלעריייען, אין וועלכע ס׳זיינען געווען באטייליקט נישט נאָר ענגלישע פונקציאָנארן, נאָר גאנץ אָפט אויך אונדזערע אייגענע לאנדסלייט, וועלכע האָבן אויסגענוצט דעם צוטרוי פון זייערע חברים אויפן שענדלעכסטן אופן. ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל זיך אויסווייזן, קאָן עס, צום באדויערן, נישט אָפּגעלייקנט ווערן, אז ס׳זיינען כימעט אין יעדן לאגער געווען געוויסנלאָזע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאט קיין אָפּהאלט אויף אזא צי אנדערן אופן אַרויסצורייסן דעם דחקותדיקן ביסן פון מויל פון זייערע אייגענע חברים אין נויט, בּיכדי צו האָבן דערפון פּערזענלעכן נוצן. דאָס איז איינס פון די פינצטערסטע קאפּיטלען פון אונדזער געפאנגענשאפט און אפשר אויך די שענדלעכסטע פון אלע.

אויך ביי אונדז איז נישט אלעס געווען ווי עס האָט באדארפט צו זיין. מ׳האָט געמורמלט וועגן אלערליי זאכן, וועלכע האָבן געמוזט געבן מאָטיוון פאר אומצוטרוי. אפשר האָט עס זיך געהאנדלט בלויז וועגן אומקאָנטראָלירטע קלאנגען, וועלכע זיינען אָבער פון א סך אויפגענומען געוואָרן ווי גוט געלט און וועלכע באקומען אין אַ מאסנלאגער תמיד די פאנטאסטישסטע פאָרמען. דעריבער איז נייטיק געווען, אינגאנצן נישט צו לאָזן אויפקומען אזעלכע קלאנגען. דאָס האָט אָבער געקאָנט געשען נאָר דורך א געוויסנהאפטיקן קאָנטראָל פון די פאר אונדז געשיקטע לעבנסמיטלען. האָב איך דעריבער פאָרגעלייגט אויסצוקלויבן פון צווישן זיך א פאכמאן — און ס׳האָבן אין לאַגער נישט געפעלט אזעלכע — וועמעס אויפגאבע ס׳זאָל זיין אליין איבערצונעמען די פון דער רעגירונג פאר אונדז צוגעשיקטע פּראָדוקטן און אכטונג צו געבן אויף דעם, אז סיי אין קוואליטעט, סיי אין קוואנטיטעט זאָל אונדז אלעס איבערגעגעבן ווערן ווי עס געהער צו זיין. די באקומענע פּראָדוקטן דאַרפן דערנאָך פונדאָסניי געוויגן ווערן אין קיך, אזוי אז ס׳זאָל נישט מעגלעך זיין קיין גניבה.

פארן קאָנטראָל אין דער קיך גופא איז נאָך פון פריער געווען א „קיכקאָמיסיע“,

וועמענס אויפגאבע ס'איז געווען אכטונג צו געבן, אז דאָרט זאָל אַלץ געטאָן ווערן ווי־ ס'באדארף צו זיין, ביכדי צופרידנצושטעלן די געפאנגענע. אינוויווייט דאָס איז ביי־ די עקזיסטירנדיקע אומשטענדן איבערהויפּט געווען מעגלעך. אָבער אזוי ווי בדרך־ כלל פלעגט זיך קיינער נישט אינטערעסירן מיט דידאָזיקע קאָמיסיעס נאָכדעם ווי־ זיי זיינען אויסגעוויילט געוואָרן, האָב איך פאָרגעלייגט, אז דאָס אכטונג געבן אין קיך־ זאָל איבערגענומען ווערן פון די קאָמפּאניעס און יעדן טאָג זאָל אַן אנדערע פון זיי־ שיקן אַנדערע צוויי פארטרעטער און, אזוי ארום זאָל דער קאָנטראָל לויט דער ריי־ כסדר דורכגעפירט ווערן פון אנדערע פערזאָנען. אזוי ארום איז אָט־די וויכטיקע פונקציע נישט איבערגעגעבן געוואָרן צו א באשטימטער קאָמיסיע, נאָר פאקטיש צום גאַנצן באַטאַליאָן. מיר האָבן דערמיט באוויזן איינצושטעלן א דערטרעגלעכן צו־ שטאַנד, ווייל אזוי אַרום האָבן די געפאנגענע געוווסט מיט זיכערקייט, אַז זיי באַקומען אינדעראמתן די פּאָרציעס, וועלכע זיינען פאר זיי באַשטימט. חוץ דעם האָט מען שטרענג אכטונג געגעבן, אז די קיכער זאָלן מיטן מאטעריאַל, וואָס זיי האָבן געהאט אין זייער רשות, צוגרייטן דאָס בעסטע, וואָס איז נאָר מעגלעך. קיין לייכט שטיקל אַרבעט איז דאָס נישט געווען, ווייל די פּראָדוקטן, וועלכע די רעגירונג האָט צוגע־ שטעלט, האָבן נישט דערמעגלעכט קיין גרויסע ענדערונג און פארשידנארטיקייט. חוץ דעם האָבן מיר נישט באקומען נישט קיין געווירצן און נישט קיין פרישע געמיזע, וואָס איז אזוי שטאַרק נייטיק פארן געזונט פון די מענטשן. דידאָזיקע פּראָדוקטן האָבן מיר געמוזט קויפן אליין און וואָס מער געלט מיר האָבן געהאט פאר דעם צוועק, אַלץ בעסער איז אונדז געווען.

קיין ארבעט האָט מיר פאקטיש נישט געפעלט. דאָס אומגליק איז נאָר געווען, וואָס פאר די קלענסטע און אומבאדייטנדיקסטע זאכן, וועלכע האָבן אָבער פאר אונדז געהאט אזא גרויסן באטייט, האָבן זיך תמיד געפאָדערט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, ביכדי אויסצופועלן אן ענדערונג. אָט זיינען מיר שוין געווען צען חדשים אינעם „פאלאץ״ און נאָך אַלץ האָבן מיר געהאט פיר באוואָפנטע וואכפּאָסטנס אינעם לאגער, אַ זאך, וועלכע איז געווען לעסטיק ספּעציעל אין די נעכט, מחמת אלע צוויי שעה פלעגן זיי, ביים בייטן זיך, מאכן אזא טומל, אז זיי פלעגן אונדז אויפוועקן פון שלאָף. די יינגערע מענטשן האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צו דעם, אָבער פאַר די עלטערע געפאנגענע איז אָט־די אומזיניקע און צווועקלאָזע פּראָצעדור געווען א באשטענדיקע אָפּקומעניש. מיינע פאָרגייער האָבן שוין געהאט געפּרווט צו פועלן ביים אלטן צוריק־ צוציען די פאָסטנס, אָבער אָן דערפאָלג. איך האָב אָבער לסוף באוויזן, צו דער פרייד פון די עלטערע געפאנגענע, דאָס יאָ אויסצופועלן. אזעלכע קליינע פארבעסערונגען, וועלכע מ'קאָן דאָך דורכפירן אין איין אויגנבליק, האָבן יעדעס מאָל פארלאַנגט דעם גרעסטן אָנווענד פון ענערגיע און שטאַנדהאפטיקייט, ביז זיי האָבן געקאָנט דורכ־ געפירט ווערן, אָבער צו דעם האָט, צום באדויערן, גאָרנישט געקאָנט געטאָן ווערן.

אינדערמיט פון חודש מאי האָט אונדזער לאגער באקומען אן אייגנארטיקן טראנס־ פּאָרט. מ'האָט צו אונדז אין באטאַליאָן געבראַנגט 206 גלחים, מאָנאכן און מיסיאָנערן, וועלכע זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין אינדיע און דאָרט אַ לאַנגע צייט געהאַלטן

געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט, ביז מ׳האָט זיי אַריבערגעפירט קיין ענגלאַנד, פון וואַנען זיי האָבן געזאָלט אָפּפאָרן קיין דייטשלאַנד אין אויסטויש. דער רוב פון זיי האָט געהאַט לאַנגע געדיכטע בערד און מיט זייער אויסטערלישער מאָנאַכן־הלבשה האָבן זיי אַרייַנגעבראַכט אַ מאָדנעם שטריך אינעם לאַגער. צווישן זיי זייַנען אויך געווען אייניקע באַקאַנטע געלערנטע, וועלכע האָבן אין אינדיע נעבן זייער רעליגיעזער מיסיע אויך אָנגעפירט עטנאָלאָגישע און סאָציאָלאָגישע פאָרשאַרבעטן און געהאַט צו דערציילן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן. האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז איך האָב פּונקט אין יענער צייט אין טעאַטער־זאַל אָנגעהויבן אַ סעריע לעקציעס וועגן פראַנצויזישן סאָציאַליזם פון סוף 19טן יאָרהונדערט און פּונקט געהאַלטן דערבײַ צו קאָמענטירן די אידעען פון בישע, לאַמענע און לערו, וועלכע האָבן, קאָנטיק, פאַר אייניקע פון די מאָנאַכן געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס, ווײַל איך האָב באַמערקט, אַז אייניקע פון זיי האָבן געמאַכט פאַרצייכענונגען און מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו מײַנע אויספירן.

צווישן מײַנע דעמאָלסטיקע צוהערער איז אויך געווען איינער אַ העכערראַנגיקער יעזויִטן־מאָנאַך, פאָטער געבהאַרד, וועלכער האָט מיך איינמאָל אין אַן אָוונט באַזוכט אין מײַן קליינעם אַרבעטס־צימערל, כדי זיך מיט מיר נענטער צו באַקענען. דער הויכער שטערן, די געדיכטע באָרד און בעיקר די לעבעדיקע, קלוגע אויגן האָבן אים צוגעגעבן אַן אָנציִענדיקן אויסזען. נאָך זײַן ערשטן באַזוך איז ער אָפט געקומען צו מיר, אָבער ער האָט בכיוון אויסגעמיטן צו באַרירן רעליגיעזע פראַגן. אים איז, ווייזט־אויס, געגאַנגען בלויז אין דעם צו פאַרברענגען מיט מיר. פאָטער געבהאַרד איז געווען אַ שטאַרק אָנגעלייענטער מענטש, וועלכער איז געווען ווי בײַ זיך אין דערהיים אויך אויפן געביט פון סאָציאַליזם. ער איז אויך געווען אַן אויסערגעוויינלעך־אינטערעסאַנטער געזעלשאַפטלעכער מיטשמועסער. זײַן מיינונג וועגן מענטשן און זאַכן איז שטענדיק געווען אַ קלאָרע און אַ דורכגעטראַכטע און אַ פײַנער הומאָר האָט זײַנע אויספירונגען צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן און טעם. ער האָט געלעבט אַ סך יאָרן אין אינדיע און איז געווען גרינטלעך באַקאַנט מיט די דאָרטיקע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, וועגן וועלכע ער האָט געהאַט צו דערציילן אַ סך אויסטערלישע פּרטים. מענטשן פון זײַן מין זײַנען געווען אַ זעלטנהייט צווישן די געפאַנגענע און ס׳איז מיר שטאַרק אַ שאָד געווען, ווען ער האָט געמוזט אַוועק פון אונדז און איך האָב פאַרלוירן די געלעגנהייטן צו פאַרברענגען מיט אים. און ס׳איז דאָך מאָדנע, ווי אַזוי דאָס לעבן פירט אָפט צונויף מענטשן. אָט־דער עלטסטער בײַ די יעזויִטן, וועלכער איז געווען אָפּגעטיילט און אָפּגעשיידט פון מײַן גײַסטיקער וועלט דורך אַ טיפן אָפּגרונט, האָט דאָך געפילט, פּונקט ווי איך האָב עס געפילט, אַז צווישן אונדז זײַנען פאַראַן, נישט געקוקט אויף אַלע פאַרשידנקייטן, געוויסע מענטשלעכע באַרירונגס־פּונקטן, וועלכע מ׳אַנטדעקט יעדנפאַלס אפשר בלויז ווען מ׳טרעפט זיך צונויף אין דער געפאַנגענשאַפט.

דעם 26טן מאַי האָבן די ענגלישע צײַטונגען געבראַנגט אַ לאַנגן באַריכט, וועלכן לאָרד ניוטאָן האָט איבערגעגעבן אין פּאַרלאַמענט וועגן דער גרויזאַמער לאַגע פון די

ענגלישע ציווילע געפאנגענע אינעם לאגער פון רוהעלעבען נעבן בערלין, א באריכט, וועלכער האָט במשך פון אַ סך וואָכן אַלאַרמירט די עפנטלעכע מיינונג. איך בין תמיד געווען איבערציינגט, אַז די לאגע פון די ענגלישע ציווילע מענטשן, וועלכע מ'האָט אינטערנירט אין דייטשלאַנד, איז בשום אופן נישט געווען קיין בעסערע ווי אונדזערע. דיזעלביקע סיבות האָבן אומעטום געמוזט ברענגען דיזעלביקע רעזולטאַטן. די גאַנצע אינטערנאַציע פון ציווילע מענטשן איז ביכלל א גרויזאַמער פארברעך, וועלכער האָט דורך גאָרנישט געקאָנט גערעכטפארטיקט ווערן. אפילו דער תירוץ, אַז די מלוכה מוז זיך באשיצן קעגן שפּיאָנאַזש פון די פיינטלעכע אויסלענדער, איז זיכער נישט גענומען געוואָרן ערנסט פון די הערשנדיקע קאסטן אין ביידע לענדער, ווייל מ'האָט דאָרט זייער גוט געוווסט, אַז די אמתע און ווערטפולע שפּיאָנען דאַרף מען זוכן אין גאָר אנדערע קרייזן.

לאָרד ניוטאָן האָט אין זייַן באריכט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז א גרויסע צאָל ענגלישע ציווילע מענטשן אין דייטשלאַנד, וועלכע מ'האָט אויסגעביטן אויף דייטשע ציווילע געפאנגענע, זייַנען אַראָפּ פון זינען. אָבער דווקא אין דעם פּרט איז די זאַך אויך ביי אונדז נישט געווען בעסער.

אַ קורצע צייט פאר דעם איידער לאָרד ניוטאָן האָט אָפּגעגעבן זיין באריכט האָט זיך איינער פון אונדזערע מיטגעפאנגענע, א געוויסער מאכנער, איבערגעשניטן דעם האַלדז מיט אַ בריטווע אין אַ מאָמענט פון א משוגעת־אַנפאל. איך בין אליין געווען אַן עדות פון מער ווי אַ צענדליק פאַלן אַזעלכע, ווען איינצלנע פון אונדזערע מיטגעפאַנגענע זיינען אַראָפּ פון זינען און געמוזט אָפּגעפירט ווערן אין משוגעים־אנשטאַלטן. איך וועל דאָ ברענגען בלויז אייניקע ביישפּילן: אינעם באַטאַליאָן „אי" האָט זיך געפונען א שיפס־קאַפּיטאַן מיטן נאָמען קאופמאַן, א בערך פערציקיעריקער מענטש. ווען ער איז אָנגעקומען אין לאגער, איז ער געווען פולשטענדיק נאָרמאַל. נאָך עטלעכע חדשים האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט זיך אליין וועגן זאכן אָן יעדן צוזאמענהאנג, ביז דער שיגעון האָט זיך מאניפעסטירט גאנץ עפנטלעך. אלע פּרוּוון אים צו דער־ווייטערן פונעם לאגער זיינען דורכגעפאלן צוליב דער קעגנערשאפט פונעם ענגלישן דאָקטער. ס'איז דערגאנגען דערצו, אַז דער אומגליקלעכער האָט זיך עפנטלעך אנאָניזירט פאר די אויגן פונעם גאנצן באַטאליאָן און דערנאָך אראָפּגעשלונגען זיין אייגענעם זאָמען. ערשט דערנאָך האָט מען אים אוועקגעפירט אין א משוגעים־הויז, ווו ער איז אין אייניקע וואָכן אַרום געשטאָרבן.

אַן אַנדערער פאל: אין אונדזער באַטאליאָן איז געווען א געוויסער באָנזעל, אַ בערך פופציקיעריקער מענטש. דאָס איז געווען אַן אלטער סאָציאלדעמאָקראַט, וועל־כער פלעגט רעגלמעסיק קומען צו מיינע רעפעראַטן און אַזוי ארום בין איך מיט אים נענטער באַקאַנט געוואָרן. באָנזעל איז געווען אַן אינטעליגענטער ארבעטער און איך פלעג גערן שמועסן מיט אים. מיטאַמאָל האָב איך אָנגעהויבן באַמערקן, אַז ער ליגט במשך פון לאנגע שעהן אויף זיין בעטל און גריבלט זיך אין זיך אַליין. דאָס איז געווען א שלעכטער סימן. ווען איך האָב אים געפרעגט, וואָס מיט אים פּאסירט, האָט ער געענטפערט מיט א האלבן מויל און אביסל צערייצט. אין איינעם

אַן אוונט, ווען דער עולם איז שוין געשלאָפן און איך בין געזעסן אין מיין ארבעטס־צימערל און געלייענט א בוך, איז באַנזעל פלוצים צוגעקומען צו מיר. זיין אויס־זען איז געווען א שרעקלעכס, זיין פנים — צעדרייט און אינגאנצן האָט ער אויס־געזען ווי א געשפּענסט.

— וואָס איז אווך, באַנזעל? — האָב איך אים אַ פרעג־געטאָן אביסל דערשראָקן.

האָט ער אָנגעהויבן צו וואָיען ווי אַ קראַנקע חיה, געשאָלטן זיין פרוי מיט די געמיינסטע ווערטער און געשריגן, אַז זי פירט מיט אַן אָפיציר פונעם לאַגער א געהיימע ליבע. איך האָב קוים באַוויזן אים צו בארואיקן. ער איז געוואָרן שוואַך ווי אַ קינד און די טרערן זיינען געפלאָסן פון זיינע אויגן.

ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער וועט האָבן ביי זיך דעם באַזוך פון זיין פרוי, בין איך פאַר דער צייט פונעם באַזוך אַרויס פאַרנט צו די באַזוכער, כדי זיך צו זען מיט איר. דאָס איז געווען אַן אָרעמע, אויסגעהאָרוועטע, אויסגעדאַרטע און אויס־געקוואָרטע פרוי, ביי וועמען די נויט האָט אַרויסגעקוקט פון איר גאַנצן געביין. דידאָזיקע פאַר דער צייט פאַרוועלקטע פרוי האָט זיכער נישט אויסגעזען קיין פער־זאָן פאַר געהיימע ליבעס. איך האָב זי געפרעגט וועגן איר מאַן און זי האָט זיך פאַר מיר מודה געווען, אַז אין דער לעצטער צייט פירט ער זיך אויף זייער שלעכט לגבי איר, באַזונדערס ווען זי פאַרשפּעטיקט זיך אַמאָל.

— און ס׳איז דאָך נישט מיין שולד, — האָט די אָרעמע פרוי געוויינט. — פון מיין היים ביז אהער קאָסט די רייזע פיר פענעס און דעריבער בין איך אָפט גע־צוווּנגען צו מאַכן א טייל פונעם וועג צופוס.

איך האָב טיף אין מיין נשמה מיטגעפילט מיט אָט־דער אָרעמער פרוי. נאָך דער צייט פון די וויזיטן האָב איך זיך מיט באַנזעלן ערנסט דורכגעשמועסט און אָפּעלירט צו זיין געוויסן. ער האָט זיך צוגעהערט צו מיין רייד, גאָרנישט געזאָגט און געוויינט ווי א קינד. אזוי זיינען אריבער עטלעכע וואָכן. אין אַן אָוונט האָט ער זיך אַריינ־געריסן אין מיין צימערל. ער האָט געבושעוועט פון צאָרן און א שוים האָט געשלאָגן פון זיין מויל.

— וואָס איז אייך, באַנזעל? — האָב איך א געשריי געטאָן צו אים.

האָט ער מיר געגעבן דערציילן מיט א הייזעריקן קול, אז נאָר־וואָס האָט ער געזען זיין פרוי זיך אַרומפירן אין לאַגער מיט אן אָפיציר. זיי האָבן זיך ביידע אָפּגעשטעלט נעבן זיין בעט און חוזק געמאַכט פון אים.

— אָבער דאָס זיינען דאָך נארישקייטן! — האָב איך אויף אים אָנגעשריגן. — אייך האָט זיך בלויז געחלומט אזעלכעס!

דאָס מאָל האָט עס געדויערט א היפּשע ווייליע, ביז איך האָב אים באַוויזן איינ־צורעדן. צומאָרגנס האָט ער געפעלט ביי דער ציילונג. מ׳האָט אים געפונען איינ־געקנוּרעט אין אַ ווינקל. מיט דריי טעג שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן באַקומען משו־געת־אָנפאַלן און מ׳האָט אים געמוזט אויף גיך אָפּפירן אין משוגעים־הויז, וווּ ער איז אין דריי חדשים אַרום געשטאָרבן.

נאָך איין פאַל: אין אַן אָוונט האָט זיך פּרעזענטירט אין מיין צימערל א געוויסער

גראַיל, אַ שטילער, רואיקער מענטש, וועלכער האָט קיינמאָל קיינעם נישט באַלעס־טיקט. ער האָט אויף מיר געוואָרפן א מאָדנעם בליק און מיך געבעטן, אז איך זאָל נישט דערלאָזן, מ'זאָל צורויבן ביי אים זיין קינד. אויף מיין דערשטוינטער פראגע, וועגן וואָס ס'האנדלט זיך דאָ, האָט ער מיר דערציילט, אז ער איז אין דער פאַר־גאנגענער נאכט געווען אין גיהנום. ער האָט דאָרט געזען טויזנטער פּיראמידעס פון שטשירענדיקע טויטע מענטשלעכע שאַרבנס, פון וועמעס ליידיקע אויגנלעכער עס האָבן אַרויסגעשטראַלט בלויע פונקען. נעבן אַ ים פון בלוט האָט זיך פאַר אים באוויזן דער טייוול, וועלכער האָט אים דערלאנגט אַן אָנגעגליטן לעפל. ער האָט זיך פונדעסטוועגן נישט אָנגעבריט, ווייל ער האָט אַרויסגעזאָגט דריי מאָל דעם נאָמען יעזוס. אָבער פון דער ביבל האָט ער אַרויסגעזען, אַז דער טייוול וויל ביי אים צונעמען זיין איינציק קינד. נאָך עטלעכע טעג האָט אויך ער אָנגעשפּאַרט אין משוגעים־הויז. וואָס מיט אים איז שפּעטער געשען, איז מיר אומבאַקאַנט.

ס'האָט דאָך נישט זיין זין צו ברענגען נאָך אַנדערע פאַלן פונעם זעלביקן מין. עס באַפאַלט מיך שטענדיק אַן אויסטערליש געפיל און ס'ווערט מיר אומהיימלעך אויף דער נשמה, ווען מיר קומט־אויס צו זען דאָס פּאמעלעכע, בהדרגהדיקע אויס־גיין פונעם מענטשלעכן שכל־הישר און שטיין אומבאַהאָלפן, גאָרנישט קאָנען טאָן צו דעם. דאָס זיינען געווען די גרויליקסטע דערפאַרונגען מיינע אין מיין לעבן.

לכל־הדעות איז לויִנבאר זיך צו פאַרטראַכטן וועגן די סיבות, וועלכע זיינען פאַר נישט איינעם פון צווישן אונדז געוואָרן פאַטאַל און דערפירט צום אומקום. איך בין נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער פּסיכאָלאָג, פונדעסטוועגן בין איך פעסט איבערצייגט, אז דער ספּעציפישער אופן פון אונדזער געפאַנגענשאַפט איז געווען די אמתע סיבה פון דידאָזיקע גרויליקע דערשיינונגען. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַר־ברעכער מוז זיך תמיד רעכענען מיטן פאַקט, אז ער וועט אַריינפאַלן און פאַרמישפּט ווערן, אָבער ער ווייסט לפּחות, פאַרוואָס דאָס איז. ווי נאָר ס'ווערט קעגן אים אַרויסגעגעבן דער מישפּט, ווייס ער גענוי דעם טאָג, ווען ס'וועט זיך פאַר אים עפענען דאָס טויער פון דער פרייהייט. און מעג א געפאַנגענשאַפט זיין נאָך אַזוי האַרט און מאָנאָטאָן, איז דאָך אָבער דער געפאַנגענער פריי פון דער באַשטענ־דיקער נערוועזער שפּאַנונג, צו וועלכער ס'זיינען אויסגעשטעלט די באַוווינער פון אַן אינטערנירלאַגער און וועלכע פאַרוואַנדלט דאָרט דאָס לעבן אין א כסדרדיקן גיהנום. קיין איינער פון די אינטערנירטע איז נישט באַגאַנגען קיין שום פאַרברעכן. מיט אַ רויִער האַנט זיינען זיי אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייער לעבנסשטייגער און פונעם קרייז פון זייער פאַמיליע, וועלכע זיי האָבן על־פּי־רוב איבערגעלאָזט אין דער היים אין דער ביטערסטער נויט. געפּייניקט און געקוועלט פון דער אייביקער זאָרג און נישט וויסנדיק, ווי לאַנג נאָך זיי וועט אויסקומען צו פירן אזא צעפּייניקט לעבן, האָבן זיי נאָך דערצו געמוזט וווינען צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע און קיינמאָל נישט האָבן אפילו קיין איין מינוט צו קאָנען זיין אַליין מיט זיך, זיך צו קאָנצענטרירן. איז דעריבער נישט קיין חידוש, ווען די ווייניקער ווידערשטאַנדס־

פעיקע האָבן מער נישט געקאָנט אויסהאלטן די באשטענדיקע גייסטיקע יסורים, דעם כסדרדיקן עגמת־נפש, און געוואָרן קרבנות פון דער גייסטיקער צעטרייסלונג, אַריינגעפאלן אין גייסטיקן אומבאוווסטזיין, אזוי צו זאָגן.

אָבער האָט דאָך דעמאָלסט א האלבע וועלט געהאט פארלוירן דעם פארשטאַנד. וואָס־זשע פארא ווירקונג האָבן דעמאָלסט געקאָנט האָבן אויף די מענטשן די טראַגעדיעס פון איינצלנע?

# דער „אַרבייטער־פריינד" — פאַרוועריט; מילי — אַרעסטירט

דעם 29טן יוני 1916 האָב איך באַקומען די ידיעה, אַז אונדזער ענגלישער חבר טאָמאַס קיל, דער אַרויסגעבער פון „פרידאָם", איז אויפן סמך פונעם „דעפענס אָף דהע רילם עקט" צוליב אַן אַרטיקל פאַרמישפּט געוואָרן צו דריי חדשים תפיסה. אָט־דער מישפּט קעגן קילן האָט ביי מיר אַרויסגערופן די מורא, אַז אויך דער „אַרבייטער־פריינד" וועט אינגיכן פאַלן א קרבן פון דער כסדר וואַקסנדיקער רעאַקציע. זינט מיין אַרעסט איז דאָס בלאַט די גאַנצע צייט דערשינען רעגלמעסיק און עס האָט אויף דאָס מינדסטע נישט געענדערט זיין שטעלונג קעגן דער מילחמה, הגם די רעדאַקציע האָט נאַטירלעך געמוזט זיין אַזוי פּאַרזיכטיק ווי נאָר מעגלעך, בּיכדי זיך צו קאָנען אַרויסדרייען פון דער נעץ פון די ספּעציעלע אויסנאַמגעזעצן. די חברים האָבן געטאָן דאָס בעסטע אויפצוהאַלטן די עקזיסטענץ פון דער צייטונג, הגם מ'האָט זיך צו יעדן מאָמענט געקאָנט ריכטן אויף דער אַריינמישונג פון דער פּאָליציי.

מיין פּאַרגעפיל האָט מיך נישט אָפּגענאַרט. דעם 24טן יולי איז געקומען צו מיר צו גאַסט מילי און איר ייִנגערע שוועסטער ראָוז און איך בין פון זיי געוווּיר געוואָרן, אַז אונדזערע חברים אַ. שאַפּיראָ, ש. לינדער און מ. לענאָבל זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין געריכט פאַר אַן אַרטיקל אין „אַרבייטער־פריינד". אַזוי ווי איך האָב געוווּסט, אַז מילי שטייט זייער נאָענט צו דער צייטונג און צו אירע אַרויסגעבער, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ס'איז פאַראַן א סכנה, אַז אויך זי זאָל אין יעדן אויגנבליק אַרעסטירט ווערן. ווען ס'איז געקומען דער מאָמענט זיך מיט איר צו געזעגענען, האָט מיר דאָס געפיל אונטערגעזאָגט, אַז פאַר א משך פון א לאַנגער צייט זעען מיר זיך איצט דאָס לעצטע מאָל. כ'האָב פאַרויסגעפילט טרויעריקע געשעענישן און געזען די צוקונפט פאַר מיינע אויגן פיל פינצטערער ווי ביז איצט.

דעם 28טן יולי זיינען די דריי דערמאָנטע חברים געשטעלט געוואָרן פאַרן ריכטער פון טעמס פּאָליס קאָורט. שאַפּיראָ איז געווען אָנגעקלאָגט ווי דער רעדאַקטאָר, לינדער — ווי דער אַרויסגעבער און לענאָבל — ווי דער זעצער פון דער צייטונג. דער ערשטער איז געווען אַ רוסישער, דער צווייטער — אַן עסטרייכער און דער דריטער — אַ רומענישער. חוץ אָט־די דריי האָט מען אויך אָנגעקלאָגט עדוואַרד ראַיד, דעם דרוקער פון דער צייטונג, וועלכער איז געשטאַנען מיט אונדז אין געשעפטלעכע באַציונגען, אָבער נישט באַלאַנגט צו אונדזער באַוועגונג.

דער אָנקלאָגער, מויר, האָט באַצייכנט שאַפּיראָן, לינדערן און לענאָבלען ווי געפערלעכע אַנאַרכיסטן און באַצייכנט דעם רעספּעקטיוון אַרטיקל ווי אַ גיפטיקן פּראָ־

דוקט פון אַנאַרכיסטישער צייטונגסליטעראַטור, וועלכער ווערט געלייענט פון ברייטע שיכטן פון דער לאָנדאָנער איסט־ענדער באַפעלקערונג און מוז דערשטיקט, אויס־געריסן ווערן מיטן וואָרצל. ווי שטאַרק געפערלעך ס'איז אזא פּראָפּאַגאַנדע קאָן מען זען דערפון, האָט ער געטענהט, וואָס ערשט נעכטן האָט מען בעת אַ פאָרשטעלונג אין אַ גרויסן באַקאַנטן מוזיק־האָל פון איסט־ענד אַראָפּגעוואָרפן פון דער גאַלעריע אויפהעצנדיקע פלוגבלעטלעך אין דער יידישער שפּראַך.

ווי אַן עדות מיצד דער באַשולדיקונג האָט מען אוועקגעשטעלט דעם פּאָלי־ציייאַישן אינספּעקטאָר מעקגרייט, וועלכער האָט דערקלערט, אַז אים זיינען די דריי אָנגעקלאָגטע זינט די לעצטע אַכט יאָר באַקאַנט ווי פירער פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג פון לאָנדאָנער איסט־ענד און אַז מ'קאָן זיך נישט פאַרלאָזן אויף זייער לאָיאַליטעט צו ענגלאַנד. דער איינציקער עדות פון דער פאַרטיידיקונג איז געווען דער פּראָפעסאָר אויגוסטוס דעזירע וואָלער, דירעקטאָר פון דער פּסיכאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע פון דער לאָנדאָנער אוניווערזיטעט, ביי וועמען שאַפּיראָ איז פון זינט אַ סך יאָרן געווען באַשעפטיקט ווי זיין פּריוואַט־סעקרעטאַר. ער האָט שאַפּיראָן אַרויסגעגעבן דעם בעסטן אַטעסטאַט און אים באַצייכנט ווי אַ מענטש מיט גרויסע פעיקייטן און מיט אַן אומבאַפלעקטן כאַראַקטער.

אַזוי ווי קיין איינער פון די באַשולדיקטע האָט נישט געלייקנט די כלומרשטע שולדיקייט און יעדער פון זיי האָט איבערגענומען די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע מעשים, איז דער פּראָצעס אַריבערגעגאַנגען גלאַטיק און זיך געענדיקט דערמיט, וואָס שאַפּיראָ איז פאַרמישפּט געוואָרן צו זעקס, לינדער צו דריי חדשים תפיסה און לענאָבל איז אָפּגעקומען מיט איין חודש. אויפן דרוקער ראַיד איז אַרויפ־געלייגט געוואָרן אַ פופציקפונטיקע געלטשטראָף. דער לאָקאַל, ווו דער „אַרביי־טער־פריינד" איז אויסגעזעצט געוואָרן, איז פון דער פּאָליציי קאָנפיסקירט געוואָרן, און די אַדמיניסטראַציע פון דער צייטונג, געזעצלעך פאַרמאַכט און פאַרחתמעט גע־וואָרן.

דעם 29טן יולי האָב איך דערוואַרט מיליס באַזוך. אָבער ווען איך האָב אָנשטאָט איר געזען אָנקומען אונדזער האָלענדישן חבר שטאַמער, האָב איך באַלד געוווּסט, אַז די קלאָג איז פאַרטיק. שטאַמער האָט מיר דערציילט, אַז אַ טאָג פאַר דעם, נעכטן, הייסט עס, איז מילי אַרעסטירט געוואָרן אין אונדזער וווינונג און מ'האָט איר אפילו נישט דערלויבט עמעצן צו לאָזן וויסן וועגן דעם, כדי צו נעמען צו זיך אונדזער אַכטיעריק קינד. בלויז צופעליק האָט שטאַמער, וועלכער האָט געוווינט אין זעלביקן הויז וואָס מיר, און איז אין דעם מאָמענט פונקט געשטאַנען ביים פענצטער, באַ־מערקט ווי מ'האָט זי אַרויסגעפירט פון הויז. פון אָנהויב האָט מען אינגאַנצן נישט געוווּסט, וווהין מ'האָט זי אָפּגעפירט, ווייל די פּאָליציי האָט וועגן דעם נישט גע־וואָלט געבן קיין שום אינפאָרמאַציע. צוזאַמען מיט מילין איז אויך אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ אַרעסטירט געוואָרן אונדזער עלטערער זון, און ער האָט לגמרי גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם אַרעסט פון זיין מוטער. אים האָט די פּאָליציי נאָך דעמזעלביקן טאָג אָפּגעפירט אין אינטערנירונגסלאַגער פון סטראַטפאָרד.

און הגם איך בין שוין זינט וואָכן געווען צוגעגרייט צו אַזאַ פּאַסירונג, פונ־דעסטוועגן האָט מיך אָט־די איוב־ידיעה שווער געטראָפן. כ׳בין אינגאַנצן ווי צע־מישט געוואָרן און איך האָב זיך געמוזט אָנטאָן דעם גרעסטן כּוח, בּיכדי זיך צו קאָנען שאַפן אַ קלאָר בילד וועגן דער נייער לאַגע. איך האָב אין מיין לעבן דורכגע־מאַכט אַ סך שוועריקייטן און מער ווי איין מאָל זיך אויסגעשטעלט צו סכנות. פונ־דעסטוועגן ווייזט זיך מיר אויס, אַז יענע שעה איז געווען די ערגסטע, וועלכע מיר איז אויסגעקומען אויסצושטיין. דער פאַקט, וואָס איך אַליין בין אַ געפאַנגענער און קאָן מיט אַ פינגער נישט א ריר־טאָן, האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם צער און דעם עגמת־נפש, ווייל אין אַזאַ לאַגע איז נישט פאַראַן קיין ערגערס און אומדער־טרעגלעכס ווי דאָס געפיל פון גענצלעכער אנמעכטיקייט. זיכער האָב איך געוווּסט, אַז די פריינט אינדרויסן וועלן נישט דורכלאָזן קיין שום פּרווו, בּיכדי בייצושטיין מילין אין איר שווערער לאַגע, אָבער דאָס אַלעס האָט מיר ניט געקאָנט געבן קיין רו.

די אָוונטצייטונגען האָבן אינצווישן אינפאָרמירט וועגן מיליס אַרעסט, אַזוי אַז די ידיעה האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט אין גאַנצן לאַגער. די טרייסטווערטער פון די חברים בצרה אינעם לאַגער, נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי זיינען געווען גוט געמיינט און אויפריכטיק, האָבן מיך נאָך מער דענערווירט, ווייל ס׳זיינען פאַראַן מאָמענטן, ווען די טרייסט ווירקט נישט און מאַכט דעם צער זיך אָנלייגן נאָך שווערער אויף דער נשמה. איך האָב אין יענע טעג געהאַט דאָס שטאַרקע באַדער־פעניש צו זיין אַליין, און אַזוי ווי מיין שטעלונג ווי אַ פירער פונעם באַטאַליאָן, האָבן מיר דערמעגלעכט צוצוקומען צו אַזעלכע ערטער, וועלכע זיינען געווען מחוץ דעם שטעכיקן דראָט, פלעג איך פאַרברענגען גאַנצע שעהן אין אַן אַלייע פון אַלטע קאַשטאַן־ביימער, ווו קיינער האָט מיר נישט געשטערט. אין מיין מוח זיינען דע־מאָלסט אויפגעקומען אַלערליי געדאַנקען, איינע שווערער און פינצטערער ווי די אַנדערע. איך האָב פאַר זיך געזען דעם אויפטו פון מיינע בעסטע יאָרן אַ צעשטערטן און ס׳האָט זיך פאַר מיר געשטעלט די פראַגע, צי דאָס וועט נאָך ווען עס איז ווידער אויפגעלעבט ווערן. מילי אַרעסטירט, מיין זון אינטערנירט, די פריינט אין תפיסה. נישט ווילנדיק זיינען מיר געקומען אין זין די נידעריקע בילבולים, וועלכע וויסט־פינצטערע חברהניקעס האָבן אין זייער פאַטריאָטישער איפערדיקייט פאַרשפּרייט וועגן מיר, אַז איך שטיי אין דינסט אויף לוין פון דער ענגלישער רעגירונג, בּיכדי אונטערצומינעווען דאָס דייטשטום אינעם לאַגער. א ביטער געפיל האָט מיך באַ־הערשט און מיך געשטיקט. אָבער וואָס גייען מיך, סוף־כּל־סוף, אָן יענע ווערים.

די רו און אָפּגעזונדערטקייט האָט געווירקט גוט אויף מיר. איך האָב געפילט, ווי איך קום צוריק צו די כּוחות און אַזוי ווי איך האָב געוווּסט פון דערפאַרונג, אַז אַרבעט איז דאָס בעסטע מיטל, בּיכדי גובר צו זיין א סך שוועריקייטן, האָב איך נאָך עטלעכע טעג, ווידער אָנגעהויבן מיין אַקטיוויטעט אינעם לאַגער. איך האָב געפרעגט דעם קאָמאַנדאַנט, צי ס׳וואָלט נישט געווען א מעגלעכקייט אַריבערצונעמען מיין זון פון לאַגער אין סטראַטפאָרד אין „פּעלעס״. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער פערזענלעך קאָן דאָס נישט באַווייזן, אָבער ער האָט מיר געעצהט זיך צו ווענדן מיט

אַ בקשה צום קריגסמיניסטעריום און ער וועט זי גערן אונטערשטיצן. איך האָב אָנגענומען זיין עצה און די בקשה איז נאָך דעמזעלביקן טאָג אָפּגעשיקט געוואָרן.

דערווייל האָט מיליס שוועסטער באַוויזן אַרויסצובאַקומען איבערגעוואַלט פון סקאָטלאַנד יאַרד אַ דערלויבעניש צו קאָנען זען מילין אין „ווינסטריט פּאָליס סטיישאָן", וווּ מ׳האָט זי געהאַלטן זעקס טעג צייט אין אַ קעמערל, וועלכעס האָט נישט געהאַט קיין פענצטער און וועמעס גאַנצע מעבל איז באַשטאַנען פון אַ בלויזן ברעט צום שלאָפן און אַן אָפּטריט. אין אַזעלכע קעמערלעך פלעגט מען געוויינלעך האַלטן פּראָסטיטוטקעס און שיכורים, וועלכע פלעגן געכאַפּט ווערן ביינאַכט און באַלד צומאָרגנס פלעגט מען זיי אָוועקפירן צום ריכטער. ערשט ווען די שוועסטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט מיט איר גאַנצער ענערגיע, אַז מילי זאָל איבערגעפירט ווערן אויף אַן אַנדערן פּלאַץ, האָט מען זי לסוף אָפּגעשיקט אין דער תּפיסה פון האָלאָוויי. אַזוי האָט געשריבן די ענגלישע אַרבעטערצייטונג „דהע העראַלד" באַלד נאָך מיליס אַרעסט:

„די פּאָליציי האָט אָפּגעשטעלט דאָס וואָכנבלאַט „דער אַרבייטער־פריינד". פאַר־גאַנגענעם דאָנערשטיק איז אַרעסטירט געוואָרן מילי ראָקער, וועלכע האָט געהאַט אַ שייכות צום בלאַט, און זי איז אָפּגעפירט געוואָרן אין „ווין סטריט פּאָליס סטיישאָן". אינוויעוויט ס׳איז ביז איצט באַקאַנט, האָט מען קעגן איר נישט פאָרמולירט קיין שום דירעקטע באַשולדיקונג. אַ סך פון אירע פריינט האָבן מורא, אַז מ׳וועט זי פּשוט אינטערנירן און נישט פאַרפירן קעגן איר קיין שום פּראָצעס. די מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אויף איסט־ענד, וועלכע ווייסן, וואָס איר מאַן און זי אַליין האָבן אויפגעטאָן פאַר דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, מוזן טאָן אַלעס, וואָס ליגט אין זייערע מעגלעכקייטן, ביכדי ס׳זאָל קעגן איר פאַרפירט ווערן אַן אָפענער און ערלעכער פּראָצעס. מיר לייגן־פאָר, אַז ס׳זאָל איבערגעגעבן ווערן די לאָקאַלע מיטגלידער פונעם פּאַרלאַמענט, אַז זיי זאָלן וועגן אַ־ר פאַל צושטעלן פראַגן צום אינערנמיניסטער און צום מיניסטער־פּרעזידענט".

דעם 5טן אויגוסט האָב איך געהאַט אַ טאָפּלטע איבערראַשונג: פאַרמיטיק האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מילין, וועלכער איז נאָך געווען אָנגעשריבן אין „ווין סטריט פּאָליס סטיישאָן". אַ סך האָט זי נישט געקאָנט שרייבן, אָבער איך האָב גע־פילט, אַז זי איז מער פאַרזאָרגט וועגן מיר ווי וועגן זיך. נאָכמיטיק איז אָנגעקומען מיין זון רודאָלף אין באַגלייטונג פון אַ זעלנער. מיין בקשה איז, הייסט עס, אָנגענו־מען געוואָרן. דער בחור איז געקומען אין דער סאַמע פּאַסיקער צייט און זיך שטאַרק געפרייט ווידער צו זיין צוזאַמען מיט מיר, ווען אפילו ווי אַ געפאַנגענער.

אונדזערע פריינט אין דרויסן האָבן דערווייל געאַרבעט לויט אַלע זייערע מעג־לעכקייטן, ביכדי אויסצופּועלן פאַר מילין אַן אָפענעם פּראָצעס, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט אונדזערע חברים שאַפּיראָ, לינדער און לענאָבל. אויך קראָפּאָטקין האָט זיך שטאַרק באַמיט פאַר איר, הגם ער האָט ביי די דעמאָלסטיקע אומשטענדן גאָר ווייניק געקאָנט אויספּועלן. דעם 4טן סעפּטעמבער האָט ער מיר געשריבן אויף זיין געוויינלעכן האַרציקן שטייגער וועגן דעם רעזולטאַט פון זיינע באַמיונגען און מיר

פאַרזיכערט, אַז נישט געקוקט אויף אונדזער פאַרשידנאַרטיקן קוק אויף דער מלחמה, האָבן זיך אָבער זיינע געפילן צו מיר נישט געענדערט. אויך דאָס איצטיקע אומגליק וועט אריבערגיין און די צייט וועט קומען, ווען מיר וועלן ווידער צוזאַמען קאָנען קעמפן פאַר א בעסערער און מענטשן־ווירדיקערער צוקונפט. דער גוטער אַלטיטש־קער! גלייך ווי איך וואָלט ווען עס איז געווען געצווייפלט אין זיין אויפריכטיקער פריינטשאַפט צו מיר.

דעם 23טן אויגוסט האָט דער ליבעראַלער דעפּוטאַט קינג געשטעלט אין פּאַר־לאַמענט די אָנפראַגע צום אינערן מיניסטער, צי ס'איז אים באַקאַנט, „אַז מילי וויטקאָפּ־ראָקער איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 29טן יולי, ווען זי איז אָפּגעפירט געוואָרן קיין האָלאָוויי, וווּ מ'האָט זי באַהאַנדלט ווי א פאַרברעכער, און ביז איצט נאָך אַלץ נישט אַרויסגעשטעלט קעגן איר קיין שום באַשולדיקונג".

דער ענטפער פונעם אינערן־מיניסטער איז געווען, אַז „מילי וויטקאָפּ־ראָקער איז אַרעסטירט געוואָרן אין אינטערעס פון דער עפנטלעכער זיכערקייט און דאָס אויפן סמך פונעם דעפענס אָף דהע רילם רעגולייזשאַנס".

ביכדי אָבער צוצוגעבן די באַמיונגען פאַר מיליס באַפרייונג מער און בעסערע פּערספּעקטיוון, האָבן אונדזערע פריינט צוגעצויגן א יורידישן מליץ־יושר; אָבער אויך ער איז נישט געווען אימשטאַנד אויסצופּועלן אַן אָפענעם פּראָצעס. אָבער לסוף איז מילין איבערגעגעבן געוואָרן א דאָקומענט, וועלכער האָט געהאַט די דאַטע פון 17טן אויגוסט און איז געווען אונטערגעשריבן פון אינערן־מיניסטער הערבערט סעמועל, אין וועלכן ס'האָט זיך געזאָגט, אַז דער אינערנמיניסטער האָט דעקרעטירט איר אינטערנאַציע אויפן סמך פונעם פאַרלאַנג פון די מיליטערישע אויטאָריטעטן. ווי א תירוץ פאַר אָט־דעם שריט איז אָנגעגעבן געוואָרן מיליס „באַציונגען מיט פיינטלעכע אויסלענדער". און לסוף האָט מען איר צו וויסן געגעבן, אַז אין משך פון זיבן טעג האָט זי צייט צו אַפּעלירן קעגן אָט־דער באַשטימונג. ווען זי וועט אַפּעלירן, וועט איר פאַל צוגעטראָגן ווערן צו דער אַזויגערופענער אַדווייזאָרי קאָמיטע און זיינע רעקאָמענדאַציעס וועלן צוגעשטעלט ווערן צום אינערן־מיניסטער.

דער אַדוואָקאַט האָט דערנאָך באַזוכט מילין אין געפענגעניש, כדי מיט איר צו רעדן וועגן אַלע פּרטים פאַר דער אַפּעלאַציע. דערביי האָט זי אים אויסדריקלעך דערקלערט, אַז זי וועט איינגיין אויף זיין פאַרטיידיקונג נאָר ביתנאי, אויב זי וועט זיך שטיצן אויף אירע פּאָליטישע איבערצייגונגען. אַזוי ווי מילי האָט דעם 28טן אויגוסט געדאַרפט זיך צושטעלן צום „אַדווייזאָרי קאָמיטע", האָט דער אַדוואָקאַט נישט געהאַט פיל צייט פאַר ווייטערדיקע באַראַטונגען מיט איר. דורכן סעקרעטאַר פונעם קאָמיטעט, מר. בראַדריק, איז ער געוויר געוואָרן, אַז די אָנקלאָגע שטיצט זיך אויף אָט־די דריי פונקטן: 1. — אירע באַציונגען מיטן פיינטלעכן אויסלענדער ראָקער; 2. — אירע באַציונגען מיטן פיינטלעכן אויסלענדער ש. לינדער; 3. — אירע אַקטיווע באַמיונגען צו שטערן דאָס אריינטרעטן פון רוסישע אונטערטאַנען אין דער ענגלישער אַרמיי. אויפן סמך פון דעם האָט דער אַדוואָקאַט צוגעשיקט צו דער „אַדווייזאָרי קאָמיטע" א לענגערע שריפט, אין וועלכער ער האָט דערקלערט צווישן

אַנדערע זאכן, אז מילי האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין באַציונגען מיטן „אַרבייטער־פריינד" און קיינמאָל אין אים נישט מיטגעארבעט; אז זי האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין סימפּאַטיעס פאר דייטשן אָדער מענטשן, וואָס באַלאַנגען צו אנדערע לענדער, וועלכע זיינען אין מילחמה מיט ענגלאַנד; אז זי האָט קיינמאָל נישט געפּרוּווט עמעצן צו שטערן אַריינצוטרעטן אין דער ענגלישער אַרמיי. דער גאַנצער צוזאַמענשטעל פון אָט־דער שריפט איז געווען אַן אומגעלומפּערטער, ווייל יעדער אַגענט פון סקאָטלאַנד יאַרד וואָלט געווען אימשטאַנד צו באַווייזן דעם היפּוך דערפון. ווען מילי האָט באַקומען אין אירע הענט אָט־די שריפט פּיראָונצוואַנציק שעה פאר איר פּרעזענטירן זיך פארן געריכט, איז זי געווען אויסער זיך און אַזוי ווי ס'איז איר מער נישט געבליבן קיין צייט צו פּראָטעסטירן קעגן דעם, האָט זי באַשלאָסן ביי דער פאַרהאַנדלונג אין געריכט פּראָסט און פּשוט אָפּצוּוואַרפן דעם גאַנצן דאָקומענט.

דעם 28טן אויגוסט האָט מען זי געבראַכט קיין וועסטמינסטער, ווו עס פלעגט אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען דער קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען פון זעקס אַנגעזעענע יוריסטן. עס איז דערביי פאָרגעקומען אָט־דער אינטערעסאַנטער דיאַלאָג:

פּאָרזיצער: — קענט איר דעם הער רודאָלף ראָקער? מילי: — איך מוז אים דאָך קענען, ווייל ער איז שוין זיבנצן יאָר מיין מאַן. פּ.: — און ווו געפינט זיך הער ראָקער איצט? מ.: — אין געפאַנגענשאַפט. פּ.: — איז איך אויך באַקאַנט דער הער ש. לינדער? מ.: — יאָ, ער איז איינער פון מיינע חברים. פּ.: — וואָס פארשטייט איר אונטער חברים? מ.: — ער האָט באַלאַנגט צו דער זעלביקער אַנאַרכיסטישער גרופּע ווי איך. פּ.: — און ווו געפינט זיך הער לינדער איצט? מ.: —אין תּפיסה. פּ.: — אויב אַזוי, קענט איר אויך דעם הער שאַפּיראָ? מ.: — יאָ, אויך ער איז איינער פון מיינע חברים. פּ.: — און ווו געפינט זיך שאַפּיראָ איצט? מ.: — אין תּפיסה. פּ.: — איך מיין, אז איך דאַרפן אויך זיין באַקאַנט טאָמאַס קיל און ליליאַן וואולף. מ.: — אוודאי! פּ.: — און ווו געפינען זיי זיך איצט? מ.: — אויף וויפל איך ווייס — אין תּפיסה. פּ.: — קענט איר אויך הער גאַו אלדרעד? מ.: — יאָ, ער איז מיין שוואָגער. פּ.: — און ווו געפינט זיך גאַו אַלדרעד איצט? מ.: — ער זיצט אין תּפיסה ווי אַ קעגנער פון מילחמה. פּ.: — מערקווירדיק, אז אַלע אייערע פריינט געפינען זיך אין געפענגעניש. וואָס זאָל זיין די סיבה דערפון? מ.: — זיי זיצן אין תּפיסה, ווייל זיי זיינען קעגנער פונעם מיליטאַריזם און במילא אויך קעגנער פונעם קריג. פּ.: — איר האָט פריער דערקלערט, אז איר האָט באַלאַנגט צו אַן אַנאַרכיסטישער גרופּע. וואָס פארשטייט איר אונטער אַנאַרכיזם? מ.: — אינטערעסירט אייך באמת אָט־די פראַגע? פּ.: — זיכער. מיר וועלן אייך זיין דאַנקבאַר, ווען איר וועט אונדז זאָגן אייער מיינונג וועגן דעם. מ.: נו, גוט. אונטער אַנאַרכיע פאַרשטיי איך אַ געזעלשאַפטלעכן צושטאַנד, אין וועלכן די עקאָנאָמישע עקספּלואַטאַציע און די פּאָליטישע אונטערדריקונג פון די ברייטע פאָלקסמאַסן דורך פּריווילעגירטע מינדערהייטן זאָל זיין אומ־מעגלעך. מיט אַנדערע ווערטער: אַ געזעלשאַפטלעכער צושטאַנד, אין וועלכן די פּראָדיצירער אליין זאָלן זיין אייגנטימער און פאַרוואַלטער פון די פּראָדוקציע־מיטלען און פון דער סאָציאַלער עשירות און אין וועלכן יעדע פאָרעם פון הערשאַפט און

יעדער עקאנאמישער מאנאפאליזם זאלן במילא געהערן צו דער פארגאנגענהייט. אנארכיע איז א געזעלשאפטלעכער שטייגער, אין וועלכן עס דערגענצן זיך קעגנזייטיק גלייכהייט פון די עקאנאמישע באדינגונגען און פאליטישע און גייסטיקע פרייהייט און אין וועלכן עס גייען באנאנד דאס טיפסטע סאציאלע געפיל מיט דער ווי ווייט מעגלעך גרעסטער פערזענלעכער אומאפהענגיקייט. פ.: זיינט איר אפט ארויסגעטראטן אויף פארזאמלונגען אדער האט איר שריפטלעך אגיטירט פאר אייערע איבערצייגונגען? מ.: — כ׳האב קיינמאל נישט געמאכט קיין פראפעסיע פון רעדן און שרייבן, אבער ווען איך האב געהאט עפעס צו זאגן, האב איך ארויסגעזאגט מיינע מיינונגען אויף פארזאמלונגען אדער שריפטלעך. פ.: איר האט פריער געזאגט, אז אייער חבר שאפירא איז אין געפענקעניש. זיינען אייך באקאנט די נענטערע פרטים פון זיין מישפט? מ.: — יא, ער איז פארמישפט געווארן צוליב אן ארטיקל, וועלכן ער האט פארעפנטלעכט אין „ארבייטער־פריינד". פ.: — זיינט איר מסכים מיטן דאזיקן ארטיקל? מ.: — מיט יעדן ווארט. פ.: — איז אייך באקאנט, אז אין איסט־ענד איז פארשפרייט געווארן א בלעטל, וועלכעס האט געמוזט ארויסרופן געפערלעכע קעגנערשאפט צו דער רעקרוטירונג? מ.: — איך האב געוווסט דערפון. פ.: — זיינט איר מסכים מיט די געדאנקען, וועלכע ווערן אין אט־דעם בלעטל ארויסגעזאגט? מ. — אינגאנצן מסכים. פ.: — גוט, דאס איז אלעס פאר היינט. דער קאמיטעט דאנקט אייך פאר דער אינפארמאציע און ער וועט אייער פאל ערנסט באטראכטן. דער רעזולטאט וועט אייך געמאלדן ווערן שפעטער. מ.: — דערלויבט מיר דא צו מאכן נאך א דערקלערונג: מיין אדוואקאט האט צוגעשטעלט צום קאמיטעט א שריפט, וועלכן איך האב גע׳ען ערשט שפעטער. מיין געוויסן צווינגט מיך דא צו דערקלערן, אז איך בין נישט מסכים מיט קיין איין ווארט פון אט־דער שריפט.

די מיטגלידער פונעם קאמיטעט האבן פארנאטירט דידאזיקע דערקלערונג און זיך איבערגעווארפן מיט פילזאגנדיקע בליקן.

מיט צוויי וואכן שפעטער איז מילי איבערגעפירט געווארן אין דער תפיסה פאר פרויען אין איילסבורי, בערך פערציק מייל פון לאנדאן. די „אדוויזארי קאמיטע" האט געשטיצט איר אינטערנאציע, ווי ס׳איז פון אים נישט געווען צו דערווארטן עפעס אנדערש. דערמיט זיינען מיר געווען זיכער, אז פארן סוף פונעם גרויסן פעלקערמארד האבן מיר זיך נישט וואס צו ריכטן אויף אונדזער באפרייונג.

מיר האבן זיך פאמעלעך דערנענטערט צו די דריטע ווייניאכט־יום־טובים אין דער געפאנגענשאפט און ס׳האט זיך נאך אלץ נישט געזען די מינדסטע האפענונג פונעם גיכן סוף פון דער מערדערלעכער מילחמה. ביכדי צו פארשאפן פאר די געפאנגענע עפעס וואסער־ס׳איז פארלייכטערונג און טרייסט, האב איך אפגערעדט מיט מיינע קאלעגן, די פירער פון די באטאליאנען „איי" און „סי" פארצולייגן פארן אלטן, אז ער זאל באוויליקן פאר די געפאנגענע ערב און באלד נאך די יום־טוב־טעג א פירשעהדיקן באזוך פון זייער פאמיליעס. די וויזיטן זאלן זיין לויט דער ריי, נישט האבן קיין מיליטערישן קאנטראל איבער זיך, נייערט קאנטראלירט ווערן פון די אייגענע קאפיטאנען. מיר האבן אויך געוואלט בעטן דעם קאמאנדאנט, אז ער זאל

אונדז דערלויבן נוצן פאַר דעם צוועק דעם טעאַטער־זאַל, ווו אונדזער אָרקעסטער וועט יעדן טאָג אינדערצייט פון די וויזיטן געבן אַ קאָנצערט.

ווען מיר האָבן פאַרן אַלטן פאָרגעלייגט אונדזער פּלאַן, האָט ער געהאַט אַ סך איינווענדונגען קעגן אים, אָבער לסוף האָט ער איינגעוויליקט, אָבער תיכף אָנגע־מערקט, אַז ער וועט זיין באַוויליקונג תיכף צוריקציִען, ווי נאָר ער וועט באַמערקן, אַז עמעצער גיט זיך דערביי אָפּ מיט עפּעס אַ שמוגל. אַזעלכע זאַכן זיינען דעם אַלטן שטענדיק געלעגן אין קאָפּ.

ווען ס׳איז אין לאַגער באַקאַנט געוואָרן, אַז דער אַלטער האָט אָנגענומען אונ־דזער פּלאַן, איז די פרייד געווען זייער גרויס. עפּעס בעסערס האָט מען אָט־די אומ־גליקלעכע מענטשן זיכער נישט געקאָנט פאָרלייגן. איך האָב צו זיי גערעדט און פון זיי פאַרלאַנגט צו זיין אָפּגעהיט בעת די וויזיטן און נישט צו באַגיין קיין נאַריש־קייטן, ווייל צוליב אומבאַטראַכטע מעשים פון יחידים וועלן דערנאָך דאַרפן טראָגן די קאָנסעקווענצן דער רעשט, — אַלע האָבן אונדז צוגעזאָגט זיך צו האַלטן אין די ראַמען, אַ זאַך, וואָס זיי האָבן געטריי מקיים געווען.

בערך אַ וואָך פאַרן אָנהויב פון די אָפּגערעדטע ווייַנאַכט־באַזוכן איז פּלוצים אָנגעקומען אַ נייע גזירה, לויט וועלכער אַ היפּשע צאָל פון די געפאַנגענע, צווישן זיי אַ סך, וועלכע האָבן געהאַט ענגלישע פרויען, האָבן נאָך פאַר יום־טוב געדאַרפט אָפּגעשיקט ווערן אויפן אינדזל מען. די ידיעה האָט אַריינגעקלאַפּט ווי אַ באָמבע און אַ סך פון יענע, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דער רשימה אָפּגעשיקט צו ווערן, זיינען אַריינגעפאַלן אין טיפער פאַרצווייפלונג. מיר האָבן געוווסט, אַז דער אַלטער קאָן דאָ נישט העלפן, אָבער מיר האָבן פונדעסטוועגן אויסגעפּועלט ביי אים, אַז ער זאָל זיך מישתדל זיין אינעם קריגסמיניסטעריום, און ס׳איז אים באַוויליקט געוואָרן אָפּצולייגן דעם טראַנספּאָרט אויף נאָך די ווייַנאַכט־יום־טובים. דידאָזיקע אייביקע מורא פאַרשיקט צו ווערן אויף יענער פאַרשאָלטענער אינדזל האָט די געפאַנגענע פאַראומערט דאָס לעבן אין משך פון דער גאַנצער צייט פון זייער געפאַנגענשאַפט און זיי נישט געגעבן קיין רו.

אָבער נישט געקוקט אויפן אומעט זיינען די טעג פון די באַזוכן פאַרן רוב פון אונדז געווען אמתע יום־טוב־טעג. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל זינט אונדזער געפאַנגענשאַפט, אַ צייט פון איבער צוויי יאָר, ווען די געפאַנגענע האָבן זיך געקאָנט ריכטיק דורכשמועסן מיט זייערע פרויען און קינדער אָן אַן אונטערהערער ביי דער זייט. ווער ס׳האָט קיינמאָל נישט געלעבט אין אַזעלכע פאַרהעלטענישן, דער איז קוים אימשטאַנד צו פאַרשטיין און אָפּצושאַצן די טיפע אינערלעכע באַפרידיקונג פון מיינע חברים בצרה. דער קאָמאַנדאַנט האָט געהאַלטן זיין וואָרט. מ׳האָט געזען גאַנץ ווייניק זעלנער און זיי האָבן זיך נישט געמישט צווישן די געפאַנגענע און זייערע באַזוכער. ווען דער אַלטער האָט זיך איבערצייגט, אַז אַלעס גייט צו גלאַטיק און אָן אינצידענטן, איז ער געווען זייער צופרידן און אונדז שפּעטער געדאַנקט פאַר דער גוטער אָרגאַ־ניזאַציע, וועלכע מיר האָבן איינגעשטעלט, און פאַר אונדזער גוטן אויפפירן. דידאָזיקע ווייַנאַכט־באַזוכן זיינען געווען אַן אמתער נחת־רוח פאַר די געפאַנגענע און זייערע

פאמיליעס און זיי לפחות אביסל פארגיטיקט פאר די דורכגעמאכטע צרות. די איינ־ציקע שאטנדיקע זייט פונעם בילד זיינען געווען די ווייטענדיקע פרויען און קינדער, וועמעס מענער און פאטערס האבן געדארפט אפגעשיקט ווערן אויף דער אינדזל און מיט וועמען זיי האבן זיך איצט געדארפט געזעגענען אויף ווער ווייסט ווי לאנג.

ווען די יום־טוב־טעג זיינען פארביי און מיר האבן זיך אומגעקערט צו דער אלטער פארעם פון די באזוכן, איז די געפאנגענע ווידער געווארן שווער אויף דער נשמה. איצט, נאכדעם ווי זיי האבן געהאט א געלעגנהייט א געוויסע צייט אומגע־שטערט צו פארברענגען מיט זייערע פאמיליעס, האט זיי דער אלטער מעטאד פון זען זיך מיט זיי געמוזט ווירקן שווער. איך האב דעריבער פארגעלייגט פאר מיינע ביידע קאלעגן פון די באטאליאנען „איי" און „סי", אז מיר זאלן פרווון פועלן ביים אלטן צו באוויליקן אויך אויף ווייטער דעם נייעם אופן פון די באזוכן. אבער דער אלטער האט זיך מיט הענט און פיס אפגעטרייסלט פון אונדזער פארלאנג און אפילו נישט געוואלט הערן וועגן דעם. ווייזט אבער אויס, אז שפעטער האט ער זיך איבערלייגט דעם עינין, זיך מיישב געווען און קענטיק איינגעזען, אז ווילנדיק צי נישט ווילנדיק וואלט ער אונדז געדארפט מאכן געוויסע הנחות. און טאקע צו־מארגנס האט ער מיך געשיקט רופן צו זיך אין זיין פריוואטער וווינונג. ער איז געווען אנגעטאן אין ציווילער הלבשה און זייער גוט אויפגעלייגט. ביכלל האב איך ביי אים שוין געהאט באמערקט, אז ווען ער איז אנגעטאן אין ציווילער הלבשה, איז פיל לייכטער מיט אים אויס־ און דורכצוקומען. ס'האט געמאכט דעם איינדרוק, אז ווען ער טוט־אויס דעם מיליטערישן אוניפארם, טרייסלט ער אויך אראפ פון זיך דעם אלטן מהות זיינעם, זיין מיליטערישן כאראקטער, ווערט אן אנדערער מענטש און אלע זאכן קומען ביי אים אויס אנדערש. ער האט פארלאנגט פון מיר, אז איך זאל אים נאכאמאל פארמולירן די סיבות, פארוואס מיר פארלאנגען אן ענדערונג אין די באזוכן. איך האב פאר אים אויף א רואיקן אופן דערקלערט מיין קוק אויף אט־דער זאך און אים דערקלערט, אז ווען ער וועט איצט באוויליקן דעם פארלאנג מכוח דער נייער רעגולירונג פון די באזוכן, וועט דער גאנצער לאגער זיך פילן לגבי אים ווי א בעל־חוב, און דאס איז עפעס ווערט. וועט ער עס טאן שפעטער, איז נישט זיכער, אז ס'וועט אזוי זיין, מיינע מאטיוון האבן זיך אים, קענטיק, אויס־געוויזן לאגישע. ער האט זיך פארטראכט און לסוף, נאך אלץ זיך קווענקלענדיק, האט ער א זאג־געטאן:

— נו, גוט, איך וועל זען, וואס מ'קאן טאן.

מיט אייניקע טעג שפעטער איז איינגעפירט געווארן די נייע פארעם פון די באזוכן. אנשטאט די זעלנער זיינען די קאפיטאנען געווארן די אויפזעער. און בעת פריער האבן מיר אונדזערע קרובים געקאנט זען בלויז איינמאל אין חודש און בלויז 15 מינוט, איז עס איצט איינגעפירט געווארן אויף צוויי שעה יעדע וואך. דאס איז געווען די גרעסטע דערגרייכונג, וועלכע מיר האבן געהאט צו פארצייכענען פאר דער צייט פון אונדזער גאנצער געפאנגענשאפט. און דאס בעסטע אין דער גאנצער זאך איז געווען, וואס מיר האבן אט־דעם דערפאלג געהאט צו פארדאנקען זיך אליין.

ווען מיר האָבן בשעתו געבעטן די אמעריקאַנישע געזאַנדשאַפט, אַז זי זאָל עפּעס טאָן, אַז מיר זאָלן לפּחות אַלע צוויי וואָכן קאָנען האָבן אַ באַזוך פון אַ שעה צייט, האָט מען אונדז געענטפערט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, ווייל דער קאָמאַנדאַנט האָט נישט געגעבן זעלנער פאַר דעם צוועק. און איצט האָבן מיר אויסגעפועלט אָן זעלנער און צוויי שעה יעדע וואָך.

ווען די ידיעה איז אָנגעקומען אין לאַגער, איז דאָרט געווען דער אמתער ששון ושימחה. און אַזוי ווי אַלע האָבן געוווּסט, ווי שטאַרק איך האָב זיך באַמיט פאַר אָט־די זאַכן, בין איך פּשוט באַלאַגערט געוואָרן פון מיינע מיטגעפאַנגענע, וועלכע זיינען מיר געקומען אויסדריקן זייער דאַנק, הגם איך האָב בלויז געטאָן מיין חוב, ביכדי צו רעכטפאַרטיקן זייער צוטרוי.

אָבער ווען אפילו מיר זיינען געווען אימשטאַנד אויף דעם אופן צו דערגרייכן געוויסע פאַרבעסערונגען אין זאַכן, אין וועלכע דער קאָמאַנדאַנט האָט געהאַט פרייע הענט, זיינען אָבער אויך געווען אַנדערע ענינים, אין וועלכע מיר זיינען געווען אינגאַנצן אומבאַהאָלפן, מאַכטלאָז. באַזונדערס איז דאָס אַזוי געווען אין די פראַגן פון דער דערנערונג, וועלכע האָבן באַלאַנגט צו די וויכטיקסטע פראַגן אין אַ לאַגער. דאָ האָט אונדז דער קאָמאַנדאַנט גאָרנישט געקאָנט העלפן. וואָרן קעגן די באַשטימונגען פונעם קריגסמיניסטעריום האָט ער גאָרנישט געקאָנט טאָן. דעם 17טן פעברואַר איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ נייע פאַראָרדענונג, לויט וועלכער מיר האָבן פון דרויסן נישט געקאָנט באַקומען קיין פעקלעך, אין וועלכע ס'זאָלן זיך געפינען פליישׁ־פּראָדוקטן, מעלשפּייזן, ברויט א.ד.גל. בלויז פעקלעך פון אויסלאַנד האָט מען די געפאַנגענע נאָך איבערגעגעבן. אויך אין דער קאַנטינע האָבן אַזעלכע פּראָדוקטן מער נישט געטאָרט פאַרקויפט ווערן. דאָס ערגסטע איז אָבער געקומען אַביסל שפּעטער, — דעם 28טן פעברואַר האָט מען אונדז, אויף אַ באַפעל פונעם קריגסמיניסטעריום, באַנייס באַדייטנדיק פאַרקלענערט די טעגלעכע פּאָרציעס. די מענטשן זיינען ווי געפּלעפּט געוואָרן, ווען זיי האָבן געזען די קליינע פּעני־צלעך ברויט, וועלכע מ'האָט זיי פון איצט אָן אָנגעהויבן געבן. און אַזוי ווי אויך אַלע אַנדערע פּראָדוקטן זיינען אויפן זעלביקן אויפן געקירצט געוואָרן און אַליין האָבן מיר גאָרנישט געקאָנט קויפן און נישט געקאָנט באַקומען קיין פעקלעך פון דרויסן, איז די לאַגע פּשוט געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל.

באַרימטע ענגלישע פיזיאָלאָגן, אַזעלכע ווי דר. א. ד. וואַלער, דר. ס. ראַסעל־וועלס און דר. ע. דזש. פּרינגס, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט אין „האָום־אָפיס״ ווי עקספּערטן, האָבן אין זייערע באַריכטן, וועלכע זיינען געווען פאַרעפנטלעכט אין דער גאַנצער פּרעסע, אויסגערעכנט דעם מינימאַלן סכום פאַר דער טעגלעכער שפּייז פון אַ מענטשן אין קאַלאָריעס, אויף 3.000 ביז 3.200. ווען מ'רעכנט־אויס אונדזער דעמאָלסטיקע פּאָרציעס לויט אָט־דעם חשבון, פאַלט־אויס פאַר אונדז 1489 קאַלאָריעס, און ווען מען מ'רעכנט־אַראָפּ 12 פּראָצענט פון די דורכשניטלעכע אומפאַרדייַלעכע סובסטאַנצן, פאַרבלייבט 1311 קאַלאָריעס. אָבער אויך אָט־די פּראָפּאָרץ איז זעלטן־ווען געווען בהסכם מיט דערווירקלעכקייט און איז געוואָרן אילוזאָריש צוליב

דער קוואליטעט פון די צוגעשיקטע פראדוקטן. דאס קלאגן זיך אויף דער קנאפער שפייז איז פון קריגסמיניסטעריום קיינמאל נישט אנערקענט געווארן, ווען אפילו ס'איז באשטעטיקט געווארן פונעם דאקטאר פון לאגער. אזוי האט מען אונדז אין מערץ 1917 באשיט מיט אזויגערופענע „סמעלץ", קליינע פישעלעך, וועלכע זיינען ווער ווייס ווי לאנג געלעגן איינגעזאלצן. אונדזערע קיכער האבן זיך געגעבן די גרעסטע מי ארויסצובאקומען עפעס א געניסבאר מאכל פון אט־דעם פאסקודסטווע, אבער מער ווי א העלפט האט מען געמוזט אוועקווארפן און מיט וואס דאס צו פארבייטן איז נישט געווען. דער אלטער קאמאנדאנט, וועלכער איז געווען דערביי, ווען דער דאקטאר האט באטראכט דידאזיקע אזויגערופענע „סמעלץ", האט סארקאסטיש א זאג־געטאן: „דאס ווייזט זיך מיר אויס ווי שטיקער פון לוטס ווייב".

ס'האט אבער אויך אפט פאסירט, אז מיר האבן די צוגעשיקטע פראדוקטן אינגאנצן נישט געקאנט באנוצן און מ'האט אונדז אין אויסבייט דערפאר לגמרי גארנישט געגעבן. דאס איז אזוי געווען אין יוני און יולי 1917 מיט די הערינג, מיט וועלכע מ'האט אונדז באגלייט און וועלכע זיינען אנגעקומען צו אונדז אין א ממש עקלדיקן צושטאנד; זיי זיינען געווען פול מיט ווערים, אז ס'איז געווען מיאוס צו קוקן אויף זיי; נאכדעם האבן מיר באקומען אנדערע הערינג, וועלכע זיינען געווען אזוי דורכגענומען מיט זאלץ, אז מיט אלע זייערע קענטעניש און קונצשטיק האבן אונדזערע קיכער נישט געוווסט ווי אזוי פון זיי ארויסצובאקומען עפעס. האט דער דאקטאר געהייסן האלטן די הערינג אין משך פון א מעת־לעת אונטער א כסדר שטראמיקן וואסער, כדי ארויסצושווענקען דאס זאלץ, אבער נאך 18 שעה, זיינען די פיש געווען אינגאנצן פארפוילט און האבן מיט זייער ריח פארפעסטעט דעם גאנצן לאגער. און נישט נאר האט מען אונדז אנשטאט אט־דעם פאסקודסטווע נישט געגעבן קיין שום אנדערע זאך אין אויסבייט, נייערט מ'האט אונדז אויך אויף ווייטער, נישט געקוקט אויף אלע פראטעסטן, במשך פון חדשים געשיקט כסדר דאסזעלביקע, און נישט געקוקט דערויף, וואס אויך דער דאקטאר האט זיך ארויסגעזאגט קעגן דעם. א סברא, אז איינע פון די ליפעראנטן־פירמעס, וועלכע האבן דעמאלסט אנגעזאמלט ריזיקע פראפיטן מיט זייערע ליפערונגען פאר דער ארמיי, האט אונטערגערוקט אט־די פאסקודסטווע דעם קריגסמיניסטעריום, און אזוי ווי ס'איז נישט מעגלעך געווען דאס צוצושטעלן פאר די ענגלישע זעלנער, איז אויף אונדז אויסגעפאלן דער גורל צו שפילן די ראל פון לאבאראטאריע־קרוליקלעך. אז ביי אונדז האט זיך נישט געהאנדלט וועגן קאפריזן פון געפיעשטשעטע אפעטיטן, קאן מען זען דערפון, וואס דער ענגלישער פארמער, וועלכער פלעגט ביז דעמאלסט צונעמען דאס אפפאל פון דער קיך, כדי דערמיט צו פיטערן זיינע חזירים און אונדז דערפאר געגעבן עפעס אן אנדערן פראדוקט, האט זיך דעם 25טן יולי אפגעזאגט דערפון, ווייל דריי חזירים זיינען ביי אים דערפון געפגרט. ד. ה. אז אפילו פאר חזירים האט עס נישט געטויגט.

די רעזולטאטן פון דער שלעכטער און קנאפער דערנערונג האבן זיך דעריבער אנגעהויבן מערקן אלץ שטארקער אינעם לאגער. א סך האבן געליטן פון כראנישן אויסשיט אויף דער הויט און 75 פראצענט פון אלע קראנקייטן, וועלכע זיינען בא־

האנדלט געוואָרן אינעם לאגער־שפּיטאָל, זיינען געווען שלאָפקייטן פון מאָגן און קישקעס. די צאָל פון די פאַלן פון געבּרעכטקייט איז געווען געוואַלטיק גרויס; דאָס פלעגט קומען פונעם הארטן מאָגן ביים אָפּן זיין צוליב דעם שוואכן ווידערשטאַנד פון די אונטערשטע טיילן פונעם אָרגאַניזם, וועלכע זיינען געווען אזוי אָפּגעשוואכט און שלאַבריק צוליב אונטערדערנערונג. און זיי האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם מינדסטן דרוק און אָנשטרענג. דער שעף פון די קראנקנוועכטער אין לאגער־שפּיטאַל, ק. ריכטער, וועלכער איז אויך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע פונעם שפּיטאָל, האָט מיר איינמאָל דערציילט, אז אין צען חדשים צייט איז אים אויסגעקומען צו לאָזן ברענגען מער ווי 500 בענדלעך פאַר פאַלן פון געבּרעכטקייט צווישן די געפאַנגענע. ווען איך האָב געצווייפלט אין דעם, האָט ער עס מיר באוויזן דורך די ביכער.

מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַרא גייסטיקע און פסיכישע ווירקונגען אזא צושטאַנד פון באַשטענדיקער מאַטעריעלער דחקות האָט געהאַט אויף די געפאַנגענע. וואָס לענגער די געפאַנגענשאַפט האָט געדויערט, אַלץ ערגער זיינען געווען די רעזולטאַטן אויפן געמיטצושטאַנד פון די מענטשן. זיי זיינען געוואָרן הארט, אומצוטרויאיש און גערייצט. די מינדסטע קלייניקייט איז געווען מסוגל פלוצים אויפצוברויזן דעם גאנצן לאַגער. די מאָלצייטן זיינען כימעט קיינמאָל נישט אַריבער אָן מחלוקת. יעדער איינער האָט געקוקט מיט קנאהדיקן בליק און געהיט, אז ביים פּאַרטייל פון ברויט זאָל דער אָדער יענער חלילה־וחס נישט באַקומען א פּיצעלע מער. גניבות זיינען געוואָרן אַן אָפּטערע דערשיינונג. א סך געפאַנגענע האָבן אָנגעהויבן ליידן פון אַן אויסטערלישער אָפּשוואַכונג פונעם זכרון, הגם זיי זיינען פריער געווען פולשטענדיק נאָרמאַל. עפּעס קרענקלעכס האָט געשוועבּט אין אָט־דער גאַנצער אַטמאָספער, עפּעס אומהיילעכס און אָפּשרעקנדיקס, וואָס איז שווער צו באַשרייבּן.

מ׳האָט אָפט געזאָגט, אז דער הונגער מאַכט מענטשן געוואַגטער און ריזיקאַלישער פאַר נייע זאַכן. נישט פאַראַן קיין פאַלשערע מיינונג ווי דאָס איז. דויערנדיקער הונגער און דחקות מאַכן די מענטשן פּחדנותדיק און שוואַך; זיי דערשטיקן פאַרמעלעך יעדן סאָציאַלן אינסטינקט און דערפירן אין אַ סך פאַלן צו ברוטאַלן עגאָיזם. קיינמאָל פריער האָב איך נישט געפילט אזוי שטאַרק און טיף אָט־דעם אמת ווי אין די דיזאָזיקע יאָרן פון נויט, פון האָפענונגסלאָזיקייט און פסיכישער דערשלאָגנקייט, וועלכע האָבן נישט איינעם פון מיינע חברים אין ליידן פאַרשניטן דאָס לעבן פאַר דער צייט.

# די ווירקונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע

דעם 19טן מערץ 1917 האָבן די ענגלישע צייטונגען געברענגגט די ערשטע ידיעות פון די געשעענישן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד. דער צאַריזם איז אַראָפּ פון דער אַרענע; די פאָן פון דער רעוואָלוציע פלאַטערט איבער מאָסקווע און פעטראָגראַד! איך האָב נישט געוואָלט געטרויען מיינע אייגענע אויגן און האָב די ידיעה געמוזט לייענען איינמאָל און נאָכאמאָל, ביכדי זיך צו איבערצייגן, אַז איך חלום נישט. א געוואלדיקע פרייד האָט דורכגעשטראָמט אַלע מיינע גלידער; מיין האַרץ האָט געיובלט פון גליקזעליקייט; דאָס בלוט האָט געכוואַליעט אין מיינע אָדערן און אַ מעכטיקע לעכצעניש האָט מיט דער גאַנצער געוואלט אַרומגעכאַפּט מיין נשמה. דאָס איז געווען דער פלאַמיקער סימן פון אַ נייער צייט, וועלכער וועט מאכן אַ סוף צו דער מילחמה. די רעוואָלוציע מוז אָפּשטעלן דידאָזיקע משוגענע מערדעריי פון מענטשן און ברענגען די פעלקער די לאנגדערוואַרטע דערלייזונג. אין מיין מוח האָט עס געזשומעט ווי אין א פאַבריק. טויזנטער מחשבות זיינען אויפגעקומען אין מוח איינע נאָך די אנדערע און נישט געלאָזט מיך באַרויקן. נו, אָט איז זי דאָ, די רעוואָלוציע, נאָך וועלכער מיר האָבן אַזוי שטאַרק געגאַרט. וואָס וועט זי ברענגען דער וועלט? וואָס פאַראַ פאָרמען וועט זי אָננעמען? וועט זי צעשטורעמען און צעברויזן רוסלאַנד אַליין, אָדער אויך אַנדערע לענדער אַריינציען אין איר ווירבלשטורעם? איך האָב געטראַכט וועגן דייטשלאנד און מיך האָט אַרומגעכאפּט אַן אומעטיק געפיל. ווען די רעוואָלוציע וועט זיך צוזאַמענשטויסן מיטן פּרייסישן מיליטאַריזם, קאָן זי צעשמעטערט ווערן נאָך איידער זי וועט אימשטאַנד זיין זיך צו צעעפענען מיט איר גאַנצער קראַפט. און אפשר האָבן די לאַנגע יאָרן פון מילחמה אויך דאָרט שוין צעטרייסלט די פונדאמענטן פונעם אלטן סיסטעם, אז ער וועט שוין מער נישט קאָנען שטעלן קיין ערנסטן ווידערשטאַנד? אַזוי וואָלט עס טאַקע געדאַרפט זיין! עס טאָר נישט, עס קאָן נישט זיין אַנדערש! מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך הער שוין קלינגען די שטורעמגלעקער, אז איך זע שוין, ווי די פון טויזנט ווונדן אין בלוט אָפּגייענדיקע פעלקער דערלאַנגען זיך די הענט און דער „אינטערנאַציאָנאל" ברויזט איבער גאַנץ אייראָפּע. פונעם רויטן מילחמה־שטראָם מוז זיך אַרויסרייסן א נייע צייט און די קללה פון דער פאַרגאַנגענהייט וועט ווערן די מזל־ברכה פאַר דער צוקונפט.

ווען איך האָב מיט דריי וואָכן צוריק געלייענט באַנאַר לאָוס רעדע, אין וועלכער

ס׳איז איבערגעגעבן געוואָרן, אַז צווישן די רעגירונגען פון רוסלאַנד און ענגלאַנד איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן אַלע רוסן אין מיליטערישן עלטער, וואָס וווינען אין ענגלאַנד, מוזן אָדער זיך אָנשליסן אין דער ענגלישער אַרמיי אָדער זיך אומקערן קיין רוסלאַנד. האָט מיך אָט־די ידיעה געטראָפן ווי א דונער, ווייל איך האָב געוווסט, וואָס דאָס מיינט צו זאָגן פאַר אונדזערע חברים אין לאָנדאָנער איסט־ענד. אָבער איצט איז אַלעס געוואָרן אַנדערש. די רעוואָלוציע האָט פאַר זיי געעפנט דעם וועג אין זייער היימלאַנד. זיי וועלן זיך מיסתמא קיין אײן מינוט נישט קווענקלען, ביכדי צו שטעלן זייערע כוחות אין רשות פונעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד. מחנותווייז וועלן זיי שטראָמען פונעם גלות אין זייער אַלטן היימלאַנד און קושן די ערד, פון וועלכער דער דעספּאָטיזם האָט זיי אַמאָל פאַרטריבן. אָט־דער געדאַנק האָט מיר נאָך שווערער געמאַכט די געפאַנגענשאַפט מיינע. איך האָב גע־טראַכט וועגן מיליאָן און אַ ביטער געפיל האָט מיך אַרומגענומען: מ׳האָט געקאָנט פאַרצווייפלען צו מוזן דאָ פאַרזשאַווערט ווערן, וועגעטירן, בעת מיר האָבן ביידע געקאָנט צולייגן אַ האַנט, ביכדי צו שטיצן דאָרט דאָס ווערק פון סאָציאַלער באַ־פרייונג.

אין לאַגער גופא האָט די ידיעה וועגן די גרויסע געשעענישן אין רוסלאַנד גע־מאַכט א געוואַלטיקן איינדרוק. אַלע זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אַז די מילחמה וועט זיך באַלד מוזן ענדיקן. ווו נאָר מ׳האָט געקאָנט געפינען א רויט שטיקל שמאַטע, האָט מען עס צונויפגענומען און געמאַכט דערפון אין אונדזער באַטאַליאָן קליינע פענדלעך און אָוועקגעשטעלט צוקאָפּנס פון די בעטלעך. יעדער טאָג האָט געברענגט נייע ידיעות. מיט פיבערדיקער אומגעדולדיקייט האָב איך געלייענט אַלע צייטונגען, ווייל אין מיינע האָפענונגען האָט זיך נאָך אַלץ אריינגעמישט אביסל פּחד פאַר א מעגלעכער רעאַקציע. אָבער ווען ס׳איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז מיליוקאָוס רע־גירונג איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן און אַז די רעוואָלוציע באַפרייט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פון אַלע שטרויכלונגען, בין איך געווען איבערצייגט, אַז ס׳איז מער נישטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר א צוריקפאַל אינעם אַלטן סיסטעם אַריין. לסוף האָב איך באַקומען א בריוו פון מיליין. פון יעדער שורה פון איר בריוו האָט אַרויסגעשטראַלט די באַגייסטערונג פאַרן נייעם רוסלאַנד, אָבער אויך דאָס וויטיקלעכע געפיל, אַז מיר זיינען דאָ פאַרקאָוועט און קאָנען נישט זיין דערביי, בעת אין מיזרח ווערט אויסגע־שמידט אַ נייע וועלט.

דעם 7טן אַפּריל האָבן די צייטונגען געברענגט די ידיעה, אַז אויך אַמעריקע האָט דערקלערט קריג צו דייטשלאַנד. ווען אָט־די ידיעה וואָלט געווען געקומען מיט אַ חודש פריער, וואָלט זי מיינע מיטגעפאַנגענע געווען אַריינגעוואָרפן אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג. אָבער נאָכן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט זי קוים געמאַכט אַן איינדרוק. יעדער איינער איז געווען איבערצייגט, אַז עס וועט זיך שוין דער סוף פון דער מילחמה. וועמען האָט דעמאָלסט געקאָנט איינפאַלן, אַז דער מילחמה־שטורעם וועט נאָך אָנדערהאַלבן יאָר צייט בושעווען איבער איי־ראָפּע, ביז ער וועט דערגיין צום סוף?

באַלד נאָכדעם האָב איך באַקומען אַ בריוו פֿון קראָפּאָטקינען, אין וועלכן ער האָט מיר מודיע געווען, אַז נעמענדיק אין באַטראַכט די נייע לאַגע, האָט ער זיך באַנייס אָנגעהויבן צו באַמיען פֿאַר מיליס באַפֿרייונג און אַז ער האָט אַ באַגרינדעטן מאָטיוו צו האָפֿן, אַז דאָס מאָל וועט עס זיין מזלדיק. אין זעלביקן בריוו האָט דער אַלטיטשקער גערעדט וועגן די וווּנדערבאַרע געשעענישן אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן אים, נישט געקוקט אויף זיין הויכער עלטער, אָנגעפֿילט מיט יוגנטלעכער באַגייס־טערונג. ער האָט באַדויערט, וואָס ער האָט נישט געקאָנט נעמען די ערשטע שיף, ביכדי אויף גיך אָנצוקומען אין זיין היימלאַנד. אָבער דער ערנסטער צושטאַנד פֿון זיין לונג און זיין אַלטע האַרצקראַנקייט האָבן אים געצוווּנגען אָפּצולייגן די רייזע אַהיים, ביז דאָס וועטער וועט ווערן בעסער. איך האָב זיך לייכט געקאָנט פֿאָרשטעלן, ווי שווער דאָס איז פֿאַר אים געווען; ווייל האָב איך דאָך גוט געוווּסט, ווי שטאַרק און טיף ער איז געווען צונויפֿגעוואַקסן מיטן אַלטן היימלאַנד זיינעם. אַ גרויסע פֿרייד האָט מיך אַרומגענומען, ווען איך האָב געטראַכט, אַז דעם 72־יעריקן זקן איז נאָך געווען באַשערט דאָס גליק צו קאָנען פֿאַרענדיקן זיינע לעצטע יאָרן אין אַ פֿריי רוסלאַנד.

דער 1טער מאַי איז יענעם יאָר געשטאַנען ביי אונדז אינגאַנצן אונטער דער ווירקונג פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע. איך האָב געבעטן דעם אַלטן, ער זאָל אונדז דערלויבן צו באַנוצן דעם טעאַטער־זאַל אויף איינצקע שעה פֿאַרמיטיק. ער האָט זיך אַביסל געקווענקלט און געפֿרעגט, צי ס׳וועלן צוליב דעם נישט זיין קיין סיבות פֿון קיין אומאָרדענונגען אין לאַגער. איך אָבער האָב אים דערקלערט, אַז איך נעם אויף זיך די גאַנצע אחריות. האָט ער לסוף באַוויליקט די בקשה.

דער גרויסער טעאַטער־זאַל איז געווען אָנגעפֿילט ביז אויפֿן לעצטן פּלאַץ. אַפֿילו אין די קאָרידאָרן און נעבן דער בינע זיינען געשטאַנען צונויפֿגעקוועטשט מענטשן ממש קאָפּ אויף קאָפּ. איך האָב גערעדט בערך אָנדערהאַלבן שעה וועגן 1טן מאַי און וועגן די גרויסע געשעענישן אין רוסלאַנד. זינט מ׳האָט אין יאָר 1890 אָנגעהויבן צו פֿייערן דעם 1טן מאַי, איז מיסתמא נישט אַריבער קיין יאָר, אַז איך זאָל אין אָט־דעם טאָג נישט אויפֿטרעטן מיט אַ רעדע ערגעץ־ווו אויף אַ פֿאַרזאַמלונג. אָבער קיינמאָל בין איך נישט געווען דורכגענומען מיט אַזעלכע כוחות ווי אין יענעם 1טן מאַי 1917 אין אַלעקסאַנדראַ פּעלעסער אינטערניר־לאַגער. איך בין אינגאַנצן געווען באַהערשט און אינספּירירט פֿון די וועלטגעשיכטלעכע פּאַסירונגען אין רוסלאַנד און איך האָב געווירקט אויף מיינע צוהערער מיט אַ געוואַלטיקער קראַפֿט. מ״ר אַלייך האָט זיך אויסגעוויזן, גלייך ווי עפּעס וואָלט פֿון מיר אַרויסגערעדט און איך האָב בפֿירוש געפֿילט, ווי יעדער איינער פֿון מיינע זאַצן דרינגט אַריין טיף אין דער נשמה פֿון מיינע חברים בצרה, פּונקט אַזוי ווי זיי זיינען געקומען פֿון דער טיפֿעניש פֿון מיין אייגענער נשמה. מיר זיינען געווען געפֿאַנגענע, אָבער אין יענע שעהן האָבן מיר געפֿילט, ווי דער גייסט האָט צעבראָכן אַלע קייטן און אַז אַלע הערצער אונדזערע האָבן שטאַרק געלעכצט צו דער פֿרייהייט, וועלכע וועט אויך פֿאַר אונדז קומען.

זינט דער אַלטער קאָמאַנדאַנט האָט ערב די ווייַנאַכט־יום־טובים ווידער איבער־גענומען די פֿאַרוואַלטונג איבערן לאַגער, איז אַלץ שווערער געוואָרן מיט אים

אויסצוקומען. שולדיק אין דעם איז בלי ספק געווען זיין קראנקייט, וועלכע האָט שוין געהאט איינגאנצן אונטערגעגראָבן זיין אויסגעצערטן גוף. אָבער פאר אונדז איז דאָס געווען א קנאפּע טרייסט. אין משך פון דער צייט, וואָס דער פולקאַווניק גאָרדאָן קומינג האָט פארביטן דעם אַלטן, איז אַלעס געווען אין דער בעסטער אָרדענונג. דאָס איז געווען א מענטש, מיט וועמען מ׳האָט געקאָנט רעדן. ער האָט קיין סך נישט גערעדט, איז תמיד געווען קאַלט און צוריקגעהאַלטן, אָבער האָט תמיד געהאַט אַן אָפן אויער פאר יעדן פארניכּפּטיקן פלאַן און אונדז שטענדיק נאָכגעגעבן, אינוויווייט דאָס איז געווען אָפּהענגיק פון אים. דאָס בעסטע איז געווען דאָס, וואָס ער האָט אונדז קיינמאָל נישט גלאַט אזוי זיך באַלעסטיקט. ער פלעגט פּינקטלעך דורכפירן זיינע אינספּעקציע־באזוכן, אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען אין אָרדערלי רום, אָבער אין אַלגעמיין האָט ער אונדז נישט געטשעפּעט און זיך ניט געמישט אין עניינים פון דער אינערלעכער פאַרוואַלטונג. אין דעם פּרט איז דער אַלטער קאָמאַנדאַנט פּראָוד וואָלקער געווען אַ גאַנץ אַנדערער מענטש. ער איז תמיד געווען דורכגעדרונגען מיט דער מאַניאַקישער אידעע, אז אָן זיין הילף קאָן גאָרנישט אָפּגעטאָן ווערן ווי ס׳געהער צו זיין. און אזוי ווי ער איז נאָך געווען אויסערגעוויינלעך באַוועגלעך און אַקטיוו, נישט געקוקט אויף זיין הויכער עלטער, פלעגט מען אים קאָנען זען זיך אַרומשלעפּן אומעטום אין לאַגער, ביכדי צו זען, צי אַלעס איז אַזוי ווי ער וויל ס׳זאָל זיין. ער איז געווען אַן אַלטער זעלנער, וועלכער האָט געדינט אַ לאַנגע צייט אין אינדיע און אין אַנדערע קאָלאָניעס און דאָס באַפעלן און זאָגן דעות איז געוואָרן זיין צווייטע נאַטור. ער איז שטענדיק געווען באַשעפטיקט מיט זיינע געפאַנגענע און טאָקע דערפאַר איז ער אונדז גאַנץ אָפּט געוואָרן לעסטיק און יעדער פון אונדז איז געווען צופרידן, ווען ער איז במשך פון עטלעכע וואָכן פארביטן געוואָרן דורך אַן אַנדערן.

זיין אייפעריקייט האָט אָפּט אָנגענומען גראָטעסקע פאָרמען און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ געוויסן טרוקענעם הומאָר, וועל איך דאָ איבערגעבן אייניקע פריילעכע עפּיזאָדן, וואָס איך האָב ביי אים געזען. ס׳איז אים איינגעפאַלן צו הייסן אויפהענגען אין זאַל פונעם באַטאַליאָן אַ גלאָק, כדי צו אַלאַרמירן אין פאַל פון אַ שריפה. אייב־מאָל האָט ער געהייסן אַלאַרמירן דורכן גלאָק, כדי צו זען, ווי אַזוי די מענטשן וועלן זיך אויפפירן אין אַזאַ פאַל. האָט אָבער דער גלאָק אַרויסגעגעבן אַ זייער שוואַכן טאָן. דעמאָלט האָט דער אַלטער איראָניש אַ זאָג־געטון: „דאָס דאַרף זיין אַן אַליאַ־רעם־גלאָק? ווען איך גיב א קריץ מיט די ציין, הערט זיך דאָך אַ שטאַרקערער גערויש. אַ פּייערגלאָק ווי איך שטעל מיר אים פאָר, מוז צווינגען די טויטע אין קבר זיך איבערצודרייען אויף דער אַנדערער זייט!"

אַ צווייט מאָל האָט פּאַסירט, אז ער איז נאָכמיטיק אומגעריכט אריינגעקומען אין זאַל פונעם באַטאַליאָן און ס׳איז נישט געווען קיין צייט צו קאָנען וואָרענען די געפאַנגענע זיך צו היטן. פּלוצלינג האָט זיין שאַרף אויג אַנטדעקט איינעם אַ געפאַנ־גענעם, וועלכער איז געלעגן אויף זיין בעטל, געלייענט אַ בוך און דערביי גערייכערט אַ ציגאַרעטל, אַ זאַך, וואָס איז געווען שטרענג פאַרווערט, ווייל ס׳האָט דערפון גע־

קאָנט קומען צו אַ שריפה. ווען דער אלטער האָט זיך שטילערהייט צוגעשאַרט צום דאַזיקן געפאנגענעם, האָט ער פּלוצים א שטאַרקן זעץ־געטאָן מיט זיין שטעקן אויף אַ ברעט, אַז עס האָט אָפּגעהילכט אינעם גאַנצן זאַל. דעם געפאַנגענעם איז פאַר דערשרעק אַרויסגעפאלן דאָס ביכל פון דער האַנט. ווען ער האָט אַזוי פּלוצים, אומגעריכט, געזען פאר זיך דעם קאָמאַנדאַנט, האָט ער תיכף געשיקט זיין „אָרדע־נאַנץ", וועלכער האָט אים שטענדיק באַגלייט, נאָך מיר. דער אָרדענאַנץ האָט מיר בישתיקה דערציילט, וואָס ס'האָט פּאַסירט. ווען דער אלטער האָט מיך נאָר דערזען, האָט ער תיכף אויף זיין שטייגער אַרויסגעפּלאַצט:

— נו, וואָס זאָגט איר איצט? וווּנדערט איר זיך באמת נישט, וואָס די גאַנצע געביידע שטייט נאָך נישט אין פלאַמען?

איך האָב זיך געהאַט געמאַכט א כלל, זיך קיינמאָל נישט צו לאָזן אַרויסברענגען דורכן אַלטן פון געדולד און איך האָב אים דעריבער רואיק א פרעג־געטאָן, וואָס ס'האָט פּאַסירט.

— וואָס ס'האָט פּאַסירט, פרעגט איר? — האָט דער אלטער געליאַרעמט. — אַט־דעם מענטשן האָב איך געטראָפן ליגן אויפן בעטל און רייכערן. און ער האָט גערייכערט אַזוי רואיק, גלייך דאָס וואָלט געווען די נאַטירלעכסטע זאַך אויף דער וועלט. וואָס־זשע זאָגט איר צו דעם?

— דאָס איז אָן ספק א נישט ריכטיקער אויפפיר פון זיין זייט, — האָב איך רואיק געענטפערט.

— אומריכטיקער אויפפיר, זאָגט איר? קיין שטאַרקער וואָרט פאַר דעם האָט איר שוין נישט? — האָט ער געצערנט. מיטאַמאָל איז זיין בליק געפאלן אויפן בוך, וועלכעס דער „פאַרברעכער" האָט געלייענט. ער האָט עס גענומען אין די הענט, באַטראַכט מיט אַן אויסטערלישן בליק דעם טיטל און דערביי געמאַכט אזא גרימאַסע, ווי ער וואָלט געבליבן אָן לופט צו אָטעמען. דאָס בוך האָט געהאַט דעם טיטל „דזשיזאַס אָף נאַזאַרעט" (יעזוס פון ניצרת).

— ריבונו של עולם! — האָט דער אלטער אויסגעשריגן. — קאָן אַזעלכעס גע־מאָלט זיין? אַט־דער מענטש באַגייט איינעם פון די שווערסטע פאַרברעכנס קעגן דער אָרדענונג אינעם לאַגער און לייענט דערביי דאָס בוך „יעזוס פון ניצרת". דאָס איז דאָך אַן אומדערהערטע זאַך! וואָלט ער כאָטש געלייענט „די פריילעכע ווייבער פון ווינדזאָר", וואָלט איך נאָך ווי עס איז געקאָנט פאַרשטיין. אָבער דאָ ליגט איינער אויף זיין בעטל, רייכערט ציגאַרעטלעך און האָט זיך אויסגעזוכט צום לייענען גראָד „יעזוס פון ניצרת"! גאָט איז מיין עדות, אז אַזעלכעס האָט מיר אין מיין לעבן קיינ־מאָל נאָך נישט פּאַסירט.

ער האָט האַסטיק געשפּרייזט אַהער און אַהין און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט נעבן מיר און אַ זאָג־געטאָן:

— איך וועל קעגן אַט־דעם מענטשן דאָ נישט אַרויסגעבן קיין מישפּט, פונ־דעסטוועגן וואָלט איך געוואָלט, אַז איר זאָלט אים איצט אין מיין קעגנוואַרט זאָגן, וואָס ס'זאָל מיט אים געשען.

איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז וואָס דער אַלטער איז אויסן געווען, איז געווען מיך צו צעטומלען. אָבער ער האָט זיך טועה געווען אין זיין חשבון. איך האָב זיך רואיק געווענדט צום נעבעכדיקן גורם פון דער גאַנצער סצענע און צו אים געזאָגט:

— ס׳איז געווען זייער אומגערעכט פון אייער זייט דאָ צו רייכערן, נישט געקוקט דערויף, וואָס איר ווייסט, אַז דאָס איז פאַרווערט און אויך געפערלעך. טוט אַזעלכעס מער נישט אין דער צוקונפט, בּיכדי אויסצומיידן שוועריקייטן זיך אַליין און אויך מיר.

— און דאָס איז אַלעס?

— יאָ, — האָב איך געזאָגט, — אייך גייט דאָך מיסתמא נישט אין דעם, אַז דערדאָזיקער מענטש זאָל באַשטראָפט ווערן, נייערט אין דעם, אַז ער זאָל נישט איבערחזרן זיין עבירה. נו, איך בין גאַנץ זיכער, אַז דאָס וועט מער נישט פאַסירן.

דער אַלטער האָט געשמייכלט אביסל רישעותדיק און אַ זאָג־געטאָן:

— אינגיכן וועט איר מיר נאָך געבן לעקציעס וועגן אַנאַרכיזם. אָבער ביי מיר וועט איר נישט האָבן קיין מזל.

נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעזאָגט זיין פּסוק, איז ער שמייכלענדיק אַוועק.

אָבער במשך די לעצטע חדשים איז דער אַלטער באמת געווען אומדערטרעגלעך. קיין שום זאַך איז אים נישט געווען געפעלן. ער האָט זיך געקאָכט קעגן זיינע זעל־נער, באַליידיקט זיינע אָפיצירן און זיך אליין אין דער וועלט פאַרביטערט דאָס לעבן. בעת דער אינספּעקציע פלעגט זיך שיער די וועלט איבערקערן. דער אַלטער פלעגט קלאַפּן מיט זיין שטעקן אויף די בעטלעך, טישן און בענק, אַז שטיקער גאַנצע פלעגן פליען אין דער לופטן. ווען ער איז שוין מיד געוואָרן פון שרייען און שעלטן, פלעגט ער פאַרצווייפלט שאָקלען מיטן קאָפּ און זאָגן:

— גאָט איז מיין עדות, אַז איך בין דער איינציקער פאַרנינפטיקער מענטש אין אָט־דעם פאַרשאָלטענעם הויז!

באַלד נאָכן 1טן מאַי איז דער אַלטער קאָמאַנדאַנט ווידער קראַנק געוואָרן און געמוזט אַוועק אויף וואַקאַציעס. פאַרן גאַנצן לאַגער, אַריינגערעכנט די זעלנער און אָפיצירן, איז דאָס געווען אַ געוווּנטשענע פאַרלייכטערונג. קיינעם פון אונדז איז נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז דער מלאך־המוות גייט דעם אלטן שוין נאָך פון הינטן און אַז ער וועט זיך שוין מער נישט אומקערן אין לאַגער. ער איז געשטאָרבן דעם 18טן מאַי. זיין טויט האָט ביי קיינעם נישט דערוועקט קיין שום באַדויער, נישט ביי די געפאַנגענע און נישט ביי די זעלנער א״ן לאַגער, וועלכע האָבן אַלע געהאַט זייער פיל אויסצושטיין צוליב אים, באַזונדערס אין די לעצטע חדשים. חוץ דעם האָבן אים וויניק מענטשן געקענט. פאַרן רוב איז ער געווען אַן אלטער פאַר־צאָרנטער, וועלכער איז אויך גייסטיק נישט געווען אַ גאַנצן מיט אַלעמען. און פונ־דעסטוועגן האָט ער געהאַט אין זיך אַ סך גוטהאַרציקייט און מענטשלעכקייט. זיכער האָט ער געהאַט אַ סך שוואַכע זייטן, וועלכע האָבן זיך צוליב זיין קראַנקייט נאָך מער אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט. ס׳איז נישט געווען לייכט מיט אים אויסצוקומען, אָבער מ׳האָט זיך אומבאַדינגט געקאָנט פאַרלאָזן אויף אים. אין זיין גאַנצער וועזנט־

לעבקייט איז נישט געווען קיין שום כיטרעקייט און נישט געקוקט אויף זיין גאַנצער טשודאַקישקייט, איז ער געווען א דזשענטלמאַן פון קאָפּ ביז די פיס. וואָס דאָס הייסט אזוינס, האָבן מיר, צום באדויערן, ערשט שפּעטער געקאָנט אָפּשאצן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין.

נאָך זיין טויט האָבן מיר אלע זיך אַרומגעטראָגן מיט דער האָפענונג, אַז זיין שטעלע וועט פארנומען ווערן אָדער פונעם פּולקאָוויניק גאָרדאָן קומינג אָדער פונעם מאַיאָר מאָט. צום באדויערן איז עס אָבער געקומען אנדערש ווי מיר האָבן גערעכנט.

איך האָב אין יענער צייט כימעט יעדן טאָג געהאט ספּעציעלע באזוכן פון א סך פריינט און חברים, וועלכע האָבן מיך געוואָלט זען, איידער זיי זיינען אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד. אַלע זיינען זיי געווען פול מיט האָפערדיקער באַגייסטערונג און זיי האָבן נאָר באדויערט, וואָס איך קאָן נישט מיטפאָרן מיט זיי. דאָס גאַנצע האַרץ מיינס איז געווען מיט זיי, און די נשמה האָט ביי מיר געבלוטיקט, ווען איך האָב זיך געמוזט צעשיידן מיט אָט־דער ווילער חברה, מיט וועמען איך האָב במשך פון אזויפיל יאָרן צוזאַמען געקעמפט, געליטן און געהאָפט. איך האָב זיך געפילט שטאַרק פאַר־יתומט נאָך יעדן אָפּשייד און די אינערלעכע בענקעניש האָט מיך כימעט פאַרצערט.

דעם 9טן מאַי האָבן מיך באזוכט טאַניאַ און אלעקסאנדער שאַפּיראָ, ביכדי זיך צו געזעגענען מיט מיר. שאַפּיראָ האָט געמוזט אָפּזיצן זיינע זעקס חדשים אויף ענגלישע מלוכהשע קעסט. איצט איז ער געווען פול מיט האָפענונג און מיר איבער־געגעבן א סך וויכטיקע פּרטים וועגן די געשעענישן אין רוסלאַנד, וועגן וועלכע די ענגלישע צייטונגען האָבן גאָרנישט געבראַכט. ער האָט מיר, אגב, דערציילט, אַז אויך מאלאטעסטא איז גרייט צו פאָרן קיין רוסלאַנד, אויב די ענגלישע רעגירונג וועט אים לאָזן אַרויספאָרן. וועמען האָט דעמאָלסט געקאָנט איינפאלן, אַז זעקס יאָר שפּעטער וועלן מיר מוזן אויפהייבן א פּראָטעסט־באַוועגונג אין גאַנץ אייראָפּע, ביכדי אַרויסצורייסן דעמזעלביקן שאַפּיראָ פון די נעגל פון דער באַרימטער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכע האָט אים געשטעלט פאַר צוויי ברירות: אָדער צו פאַר־בלייבן אין תפיסה אָדער אַרויסצופאָרן אין אויסלאַנד.

מיט איניקע טעג שפּעטער איז אַלעקסאַנדראָוויטש געקומען זיך געזעגענען. דער יונגער ענטוזיאַסט האָט געהאָפט און געחלומט. זיין גלויבן האָט געקאָנט אויס־רייסן בערג. אין רוסלאַנד האָט ער זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אינעם וויכער פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, ביז ער איז שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן פון דעניקינס ווייסע האָרדעס.

נישט איינער פון יענע, וועלכע האָבן זיך דעמאָלסט מיט מיר געזעגנט, האָבן געהאט אַן ענלעכן גורל. און פונדעסטוועגן זיינען זיי נאָך געווען צווישן די גליק־לעכע, ווייל זיי זיינען געשטאָרבן מיט אַן אָנגעגליטן האַרץ פאַרן ניצחון פון דער רעוואָלוציע און זיי איז נישט אויסגעקומען צו זען, ווי אין רוסלאַנד איז געקומען צו דער ממשלה א נייער דעספּאָטיזם, אונטער וועמעס פאַרפעסטעטן אָטעם יעדער מין פרייהייט איז אומגעקומען פון דער פּעסט ווי גרינע זריעה.

אַנהויב יולי איז אויך קראַפּאָטקין מיט זיין געטרייער לעבנסבאַגלייטערין סאָפיע אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד. ער האָט מיר צוגעשיקט איניקע האַרציקע שורות צום געזעגענען זיך און אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז מיין קרעפּטיקער קערפּער וועט גובר זיין אַלע צרות פון דער געפאַנגענשאַפט, ביז מיר וועלן זיך לסוף פונדאַסני באַגעגענען אין רוסלאַנד, אויף פרייער ערד, און דאָרט זיך דערלאַנגען די הענט. אַלץ פּוסטער איז עס געוואָרן אַרום מיר. אַזוי פיל זיינען שוין אוועק פון יענע, וועלכע זיינען מיר געווען נאָענט און ליב, און איצט האָט אויך פאַרלאָזן ענגלאַנד פּיאָטר, וועלכער האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין מיין לעבן. ער איז שוין געווען אַ 72־יעריקער מענטש און זיין געזונטצושטאַנד איז געווען גאַנץ היפּש צע־טרייסלט. איך האָב געפילט, אַז אָט־דער אַהיימקער איז געווען דער לעצטער גרויסער שריט אין זיין לעבן. אין איראָפּע וועלן מיר זיך שוין מיסתמא נישט מער באַגעגע־נען, אָבער אין רוסלאַנד, „אויף פרייער ערד", ווי ער האָט געשריבן, — אפשר יאָ. אָבער אויך דערדאָזיקער האָפענונג איז נישט באַשערט געווען מקויים צו ווערן.

באַלד נאָך קראָפּאָטקינס אָפּפאָר האָט מיך באַזוכט מאַלאַטעסטאַ. זיין שטימונג איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך האָפערדיקע און אויפגעלייגטע. דער אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט אויפן אַלטן בונטאַר געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק און ס'איז אים געגאַנגען אין לעבן צו זיין אויפן פּלאַץ פון די געשעענישן, כדי דאָרט גופא, אין די סאַמע קוואַלן, צו קאָנען באַאָבאַכטן זייער אַנטוויקלונג. אָבער די ענגלישע רעגירונג האָט אים, ווי אַן איטאַליענישן בירגער, נישט געוואָלט לאָזן אַרויספאָרן קיין רוסלאַנד. ער האָט אָבער נישט אויפגעגעבן די האָפענונג. אַזוי ווי מ'האָט זיך דעמאָלסט שטאַרק פאַרנומען מיטן אָרגאַניזירן אַן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר פון סאָציאַליסטן אין שטאָקהאָלם, האָט ער זיך געוואָלט פאַרשאַפן אַ מאַנדאַט דאָרט אַהין, ביכדי דערנאָך פון שוועדן אַריבערצופאָרן קיין רוסלאַנד. ערריקאָ איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז די רוסישע רעוואָלוציע וועט זיך אויך אויסשפּרייטן אויף אַנדערע לענדער אין איראָפּע און די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן מיט אַן אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע.

אויף מיין פראַגע, ווי לאַנג די מלחמה קאָן נאָך, לויט זיין מיינונג, דויערן, האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז ס'וועט שוין מיסתמא נישט קומען צו קיין ווינטערדיקער אָפּענסיווע. ער האָט געהאַלטן, אַז די גאַנצע אַנטוויקלונג פון דער לאַגע איז אָפּהענ־גיק פון די ווייטערדיקע געשעענישן אין רוסלאַנד. אויב די רוסן זאָלן זיין אימשטאַנד זיך קעגנצושטעלן דעם פאָרויסמאַרש פון די דייטשן, וואָלט עס אין אַזאַ פאַל געמוזט קומען צו באַלדיקע שלום־פאַרהאַנדלונגען, ווייל לויט אַלע וואָרשיינלעכקייטן וואָלט ביז דעמאָלסט אויך אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך זיך געשאַפן אַ רעוואָלוציאָנערע לאַגע. אויב דאָס זאָל אַזוי נישט זיין און זאָל אַמעריקע באַוויזן אַריבערצוברענגען קיין פראַנקרייך גרעסערע אַרמייען, וועט זיך די מלחמה מיסתמא פאַרענדיקן קו־מענדיקן פרילינג.

אַזוי ווי מאַלאַטעסטאַ איז געווען גרייט נישט דורכצולאָזן קיין שום מיטל, ביכדי אויף וועלכן ס'איז אופן אָנצוקומען קיין רוסלאַנד, זיינען מיר ביידע געווען זיכער,

אַז דאָס איז זיין לעצטער באזוך אינעם „פּאַלאַץ״, און מיר האָבן זיך הארציק אַרומ־גענומען, ווען מיר האָבן זיך געזעגנט. דאָס געזעגענען זיך מיט די אלע אלטע פריינט פון אזוי פיל יאָרן האָט זיך מיר געלייגט שווער אויפן געמיט און מיר די געפאנגענשאפט מיינע געמאכט נאָך אומדערטרעגלעכער. אָבער באלד נאָכדעם זיינען ביי אונדז אין לאגער פאָרגעקומען געשעענישן, וועלכע האָבן געפאָדערט דעם אַנווענד פון מיין גאנצער ענערגיע און מיר נישט איבערגעלאָזט קיין פרייע צייט זיך צו גריבלען אין אומנוצלעכע געדאַנקען.

אין דער לעצטער וואָך פון מאַי זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אַז דער אינטער־נירונגסלאַגער אין סטראַטפאָרד איז אויפגעלייזט געוואָרן און אַ טייל פון די דאָרט אינטערנירטע זאָל קומען צו אונדז. צום ערגסטן און צום שווערסטן אָבער האָט אונדז געטראָפן די ידיעה, אַז דער קאָמאַנדאַנט פון סטראַטפאָרד וועט פון 1טן יוני איבערנעמען די פאַרוואַלטונג פון אונדזער לאַגער און אַז ער וועט אין די קומענדיקע טעג קומען צו אונדז מיט אַ טייל פון זיין שטאַב. דער סטראַטפאָרטער „קעמפּ״ איז געווען דער בארימטסטער אין גאַנץ ענגלאַנד. אלע, וועלכע האָבן געהאַט דאָס אומ־גליק צו מוזן פאַרברענגען דאָרט אַ געוויסע צייט, זיינען געווען איינשטימיק אים צו קוואַליפיצירן ווי דאָס פלאַץ פון דער ברוטאַלסטער אייגנוויליקייט און פון דער געמיינסטער קאָרופּציע. פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָט־דעם צושטאַנד איז געווען נישט בלויז די ענגלישע מיליטערישע אַדמיניסטראַציע, נאָר אויך די דייטשע פאַרוואַלטונג פונעם לאַגער, בראָש פון וועלכער ס׳איז געשטאַנען אַ געוויסער וועבער, אַ געוויינ־לעכער אוואַנטוריסט און פאַרברעכער מיט בולטע סאַדיסטישע אינסטינקטן, וועלכער האָט פאַרביטערט די געפאַנגענע דאָס לעבן און פונעם לאַגער געמאַכט ממש אַ גיהנום. אַ סך שלעכטס האָט מען זיך אויך אָנדערציילט פונעם ענגלישן פעלדפעבל טרינמאַן, וועלכער איז אין סטראַטפאָרד געווען דעם קאָמאַנדאַנטס רעכטע האַנט. מ׳קאָן זיך דעריבער פאָרשטעלן, אַז די שטימונג איז ביי אונדז אין לאַגער געווען אַ שטאַרק־געדריקטע, ווייל יעדער איינער האָט מיט רעכט מורא געהאַט, אַז מיר שטייען פאַר שווערע קאָמפּליקאַציעס.

דעם 4טן יוני האָט זיך דער נייער קאָמאַנדאַנט דאָס ערשטע מאָל באַוויזן, דורכ־צופירן די אינספּעקציע. דער מאַיאָר מאַט, וועלכער האָט אים באַגלייט, האָט מיך פאָרגעשטעלט. ער האָט מיך באַגריסט מיט געקינסטלטער העפלעכקייט און מיר געמאַכט אַלערליי קאָמפּלימענטן וועגן דער ריינלעכקייט אינעם זאַל פונעם באַטאַ־ליאָן. איך בין געווען אַביסל איבערגעראַשט, ווייל איך האָב זיך דעמדאָזיקן מענטשן פאָרגעשטעלט אַנדערש. זיין אויסערלעך אויסזען איז פונדעסטוועגן געווען ווייט פון צו זיין צוציענדיק. ער איז געווען אַ ריז פון פעטס און פלייש, אָבער זיין פיזישע דיקלעכקייט האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון קרענקלעכקייט און מ׳האָט געקאָנט דערקענען אין אים, אַז דאָס גיין קומט אים אָן שווער. אינעם אויפגעבלאָזענעם פּנים איז נישט געווען קיין שמץ פון גייסטיקייט. זיינע אויגן זיינען געווען מוטנע און אָן אויסדרוק. דער גאַנצער פּערשווין האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פוילן, גייסטיק־באַשרענקטן מענטשן. אין לאַגער האָט מען דערציילט, אַז דער

נייער קאָמאַנדאַנט איז פאַר דער מלחמה געווען דירעקטאָר פון דער תפיסה אין דובלין. איך האָב זיך קיינמאָל נישט געקאָנט דערוויסן, צי דאָס איז טאַקע אַזוי געווען, אָבער מיינע שפּעטערדיקע דערפאַרונגען מיט אים האָבן מיך איבערצייגט, אַז דער דאָזיקער מענטש האָט מיסתמא פריער געהאַט צו טאָן מיט פאַרברעכער און אויך אונדז געוואָלט באַהאַנדלען ווי אַזעלכע.

אַזוי זיינען אַריבער עטלעכע וואָכן און ס'איז גאָרנישט פאָרגעקומען, וואָס זאָלן באַרעכטיקן די מורא, וואָס מיר האָבן געהאַט. דער קאָמאַנדאַנט איז געווען תמיד דערזעלביקער — ער איז געווען פריינטלעך און דערטרעגלעך און אַלע ענינים זיינען אָפּגעלאָפן אָן שום רייבונגען. אפילו דער פעלדפעבל טרינמאַן האָט אונדז פון אָנהויב נישט געגעבן קיין מאָטיוו אויף צו באַקלאָגן זיך. ער האָט זיך די ערשטע צייט געזוכט צוצוחנפענען צו מיר ווי נאָר ער האָט געקאָנט, אָבער דווקא זיין איבערגעטריבענע פריינטלעכקייט האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין אומצוטרוי. איך האָב אים באַהאַנדלט העפלעך, אָבער גאַנץ קיל און געווען גוט אָפּגעהיט זיך מיט אים צונויפצוטרעפן נאָר אין דינסטלעכע עינינים. אַזוי אַרום איז אין אונדזער לאַגער ביסלעכוויז ווידער אַנטשטאַנען אַ בעסערע שטימונג, ווייל אַלע האָבן גערעכנט, אַז דער נייער קאָמאַנדאַנט האָט מיסתמא אליין איינגעזען, אַז ס'איז אוממעגלעך אַריבערצוטראָגן די צושטאַנדן פון סטראַטפאָרד אויף אונדזער לאַגער.

דער 20טער יוני איז פאַר אונדז אין לאַגער געווען אַ יום־טוב־טאָג. איך האָב אין דעם טאָג געגעבן מיין הונדערטסטן רעפעראַט און מיינע חברים האָבן לגמרי אָן מיין וויסן צוגעגרייט אויף דעם טאָג אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע אינעם זאַל פונעם טעאַטער. איידער איך האָב יענעם אָוונט אָנגעהויבן מיין רעפעראַט, האָט, פּונקט ווי יעדע וואָך, קודם־כל געגרעדט עטלעכע אַריינפירנדיקע ווערטער קאַרל מויעל, וועלכער איז שטענדיק געווען דער פאָרזיצער ביי מיינע רעפעראַטן. נאָכדעם האָט גענומען דאָס וואָרט אונדזער חבר ווירץ, פונעם באַטאַליאָן „סי". דאָס איז געווען אַן אַלטער סאָציאַלדעמאָקראַט, וועלכער איז געווען שטאַרק באַיינפלוסט פון אונדזערע אידעען. ער האָט געהאַלטן אַן איינפאַכע, אָבער האַרציקע רעדע, אין וועלכער ער האָט מיר אויסגעדריקט דעם טיפסטן דאַנק פון מיינע מיטגעפאַנגענע פאַר דער גייסטיקער דערמוטיקונג, וואָס איך האָב זיי אָנגעבאָטן דורך מיינע רעפעראַטן און וועלכע זיינען פאַרן רוב געווען דער איינציקער ליכט־שטראַל אין די טרויעריקע שעהן פון דער געפאַנגענשאַפט. נאָכדעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיינע רייד, האָט ער מיר איבערגעגעבן צום אָנדענק אַ בילד, וועלכעס דער אונגאַרישער מאָלער סאַטאָן האָט ספּעציעל פאַר דעם צוועק געמאָלן, — אַ נאַקעטער ריז, וועלכער דערשטיקט אַ שלאַנג, און אונטער דעם די ווידמונג: „זייער ראָקער צום הונדערטסטן רעפעראַט". זיינע דאַנקבאַרע צוהערער. אַלעקסאַנדראַ פּעלעס 1915—1916—1917".

ווען איך האָב נאָכדעם געוואָלט נעמען זאָגן עטלעכע דאַנקווערטער, איז אין זאַל אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן, וועלכער האָט זיך גאָרנישט געוואָלט ענדיקן. נאָך היינט פיל איך אַ פריידיקע באַפרידיקונג, וואָס איך האָב אין יענער גורלדיק־שווערער צייט געהאַט אַזוי פיל געלעגנהייטן צו קאָנען אַקטואירן

פאַר מיין אידעאָלאָגיע. מיינע רעפעראַטן זיינען אויסגעהערט געוואָרן פון מענטשן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן, און הגם דער פּראָלעטאַרישער שיכט איז נאַטיר־לעכערווייז געווען צום שטאַרקסטן פאַרטראַטן, זיינען צווישן מיינע רעגולמעסיקע צוהערער אויך געווען אַ סך קינסטלער און אַנגעהעריקע צו די פאַרשידנסטע גייס־טיקע פּראָפעסיעס. ווען מ׳לעבט במשך פון אַ סך יאָרן מיט מענטשן אויפן זעלבן פּלאַץ און מ׳קומט טאָגטעגלעך אין קאָנטאַקט מיט זיי, קאָן מען, נאַטירלעך, בעסער ווירקן אויף זיי און אויספירלעכער אַנטוויקלען יעדע זייט פון אַן אידעע. דאָס איז בלי שום ספק געווען אַ גרויסע מעלה, וועלכע האָט נישט געקאָנט אויסגענוצט ווערן אינגאַנצן צוליב דער כסדרדיקער שווערער שטימונג פון אַ לאַנגער און נישט פאַר־דינטער געפאַנגענשאַפט ביי די שווערסטע אומשטענדן. לכל הדעות האָבן מיינע רעפעראַטן אין משך פון די יאָרן די טויזנטער צוהערער מיינע געגעבן געוויסע נייע אָנרעגונגען און זיי אויסגעלערנט בעסער צו פאַרשטיין מענטשן און פּאַסירונ־גען. ס׳איז אָבער אויך פאַראַן אַ גאַנץ היפּשע צאָל פון מיינע דעמאָלסטיקע צוהערער, וועלכע זיינען אינגאַנצן געווונען געוואָרן פאַר אונדזערע אידעען. ווען מיר איז שפּעטער, נאָכדעם ווי איך האָב זיך אומגעקערט קיין דייטשלאַנד, אויסגעקומען צו מאַכן רעפעראַטן־טורן איבערן לאַנד, האָב איך זעלטן־ווען געטראָפן ערגעץ־ווו אין אַ שטאָט, וווּ איך זאָל זיך נישט געווען באַגעגענען מיט עמעצן פון מיינע אַמאָליקע חברים בצרה, צוגעשטאַנענע צו אונדזער באַוועגונג. באַזונדערס זאָל דאָ דערמאָנט ווערן אונדזער חבר הערמאַן ריטטער פון ערפורט, וועלכער האָט זיך אין דער צייט פון אונדזער געמיינזאַמער געפאַנגענשאַפט אַזוי גרינטלעך אַריינגעלעבט אין דער געדאַנקענוועלט פונעם פרייהייטלעכן סאָציאַליזם און היות ער האָט געהאַט אַן אויסגעצייכנטן רעדנער־טאַלענט, האָט ער שפּעטער זייער אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער באַוועגונג און איז נאָך ביז איצט אַקטיוו פאַר אונדזערע אידעען. מיט איין וואָרט: איך בין דעמאָלסט געקומען אין קאָנטאַקט מיט נישט איין אויסגעצייכנטן מענטשן, מיט וועלכן איך וואָלט זיך מיסתמא אויף אַן אַנדערן אופן קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געווען באַגעגנט.

סוף יוני איז עס געקומען צום ערשטן צוזאַמענשטויס צווישן אונדז און דעם נייעם קאָמאַנדאַנט. די רעגירונג האָט אונדז ווידער צוגעשיקט הערינג, מיט וועלכע מ׳האָט ביי דער גאַנצער באַמיונג און אָנשטרענג פון אונדזערע קיכער גאָרנישט געקאָנט מאַכן. האָבן מיר זיך פּשוט און פּראָסט אָפּגעזאָגט צו אקצעפּטירן דאָסדאָ־זיקע מיסט, הגם מ׳האָט אונדז אָנשטאָט דעם נישט געגעבן קיין שום אַנדערן פּראָ־דוקט. מיטאַמאָל בין איך צוזאַמען מיט מיינע צוויי קאָלעגן לוץ און רוט און די הויפּט־קיכערס פון אַלע דריי באַטאַליאָנען פאַרבעטן געוואָרן צום קאָמאַנדאַנט. ער האָט אונדז אויפגענומען זייער אומפריינטלעך, באַצייכנט אונדזער נישט אַקצעפּטירן דאָס עסן ווי אַן אָפענעם דיסציפּלין־ברוך, אַ זאַך, וואָס ער וועט בשום אופן נישט טאָלערירן. ער האָט אויף אונדז טאַקע תיכף גוזר געווען אָנצונעמען די הערינג און זיי צוצוגרייטן ווי אַ מאָלצייט פאַר די געפאַנגענע.

איצט האָט זיך אָט־דער פאַרשווין אַרויסגעשטעלט אין זיין אמתן ליכט. אומזיסט

האָבן די הויפּטקיכערס געפּרווט אים דערוויזן, אַז זיי האָבן מיט די פּאַרדאָרבענע פּראָדוקטן שוין אויסגעפּרווט אַלערליי אופנים, ביכדי זיי צו מאַכן ווי ס׳נישט איז עסבאַר, אָבער אַז ס׳האָט זיך גאָרנישט געלאָזט מאַכן דערפון. זייערע רייד צו אָט־דעם טעמפּן מענטשן זיינען צוריקגעשטויסן געוואָרן ווי אַרבעט שפּרינגען־אָפּ פון אַ וואַנט. ער האָט פּשוט דערקלערט, אַז ווען די רעגירונג האָט אונדז צוגעשיקט די־דאָזיקע הערינג, איז עס פאַר אים אַ באַווייז, אַז מ׳קאָן זיי יאָ באַנוצן ווי אַ דער־נערונגסמיטל און אַזוי מוז דאָס אומבאַדינגט זיין.

האָט מיר די גאַנצע זאַך אויסגעזען צו נאַריש און איך האָב אים געענטפערט, אַז זיין טענה האָט נישט קיין שום לאָגישן יסוד, מחמת די רעגירונג האָט אונדז שוין נישט איינמאָל צוגעשיקט פּאַרדאָרבענע שפּייז־פּראָדוקטן, וועלכע האָבן אויפן אָנווייז פונעם דאָקטאָר געמוזט אָפּגעוואָרפן ווערן. חוץ דעם האָב איך אים דערקלערט, אַז די רעגירונג שיקט אונדז בלויז די הערינג, בעת די קאָסטן פון דער צוגרייטונג זייערע מוזן מיר אַליין דעקן. אין יעדן „הערינגטאָג״, האָב איך געזאָגט, מוז יעדער באַטאַליאָן פון זיין אייגענער קעשענע צאָלן צוויי פונט מיט צען שילינג, ביכדי כאָטש ווי עס איז צו קענען מאַכן די פיש געניסבאַר פאַר די געפאַנגענע. אַזוי ווי אָבער די הערינג זיינען איצטיקס מאָל אין אַזאַ צושטאַנד, אַז מ׳קאָן מיט זיי לגמרי גאָרנישט טאָן, האָט קיינער נישט קיין רעכט צו פאַרלאַנגען פון אונדז, אַז מיר זאָלן אונדזער גוט געלט אריינוואַרפן אין מיסט.

איך האָב גערעדט אַביסל מיט טעמפּעראַמענט און אינעם פיינטלעכן בליק פונעם קאָמאַנדאַנט האָב איך דערקענט, אַז ער האָט דאָס מיר קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרגעסן. אָבער צו אונדזער גרויסער איבעראַשונג האָט ער פּלוצים געענדערט זיין טאַקטיק, איז ווידער געוואָרן דורכויס פריינטלעך, אונדז לסוף דערלויבט צוריק־צוּוואַרפן די הערינג, הגם ער האָט דערביי באַדויערט, וואָס ער קאָן אונדז דערווייל נישט געבן עפּעס אַנדערש אויף זייער אָרט, ביז דער עיניין וועט דערליידיקט ווערן אינעם קריגסמיניסטעריום.

אָט דער פּלוצימדיקער איבערקער האָט מיר געוויזן, אויף וואָס פאַראַ וועלט מיר געפינען זיך; איך בין געווען פּעסט איבערצייגט, אַז ביי דער ערשטער געלעגנ־הייט וועט מען מיך פאַרשיקן אויף דעם אינדזל. דער אַלטער קאָמאַנדאַנט האָט געשריגן און געליאַרעמט, ווען עפּעס איז נישט געווען לויט זיין געשמאַק, אָבער זיין האַרץ איז געווען אָן פאַלשקייטן. דערדאָזיקער פּאַרשוין אָבער איז געווען פול מיט פאַרדאָרבענער ביטרעקייט און דווקא דעמאָלסט, ווען ער ווייזט זיך אַרויס צום פריינטלעכסטן, דעמאָלסט קאָן מען אים צום ווייניקסטנס געטרויען. צום ליבסטן וואָלט איך איצט אָפּגעלאָזט דעם גאַנצן עסק, ווייל ס׳איז מיר געווען דערווידער צו מוזן האָבן צו טאָן יעדן טאָג מיט אָט־דעם מאַן, וועלכן איך האָב אפילו ווי אַ מענטש נישט געקאָנט רעספּעקטירן. איך האָב אָבער געפילט, אַז איך מוז איינצווימען מיין ווידערווילן, וואָרן גראָד איצט בין איך פאַר מיינע מיטגעפאַנגענע געווען נייטיקער ווי ווען ס׳איז פריער. איך בין דעריבער געווען גרייט אויסצוהאַלטן ביז צום ביטערן סוף. פריער אָבער האָב איך געוואָלט זען, אינוויווייט איך האָב די מענטשן הינטער

זיך, ווייל איך בין געווען איבערצייגט, אז מיר האָבן פאר זיך שווערע צייטן. איך האָב זיך דעריבער אָפּגעזאָגט פון מיין שטעלע, ביכדי צו געבן די מענטשן א געלע־גנהייט דורכצופירן נייע וואלן. ביי די וואלן האָבן 937 פון מיינע מיטגעפאנגענע געשטימט פאר מיר און 11 קעגן מיר. איך האָב, הייסט עס, נאָך אלץ געהאט דעם גאנצן באטאליאָן הינטער זיך, פונקט ווי מיט פופצן חדשים צוריק.

דערווייל איז ווידער אלץ געווען רואיק אין לאגער. דער קאָמאנדאנט האָט זיך ווידער אַרומגעטראָגן מיט זיין לייטזעליקער מינע, אָבער מ׳האָט געפילט, אז עפּעס טראָגט זיך אין דער לופט. אין איינעם אַ טאָג האָט זיך אויף דער „שווארצער טאָוול" באוויזן א מעלדונג, אז פון איצט אָן דאַרפן זיך די געפאנגענע יעדן מיטוואָך אויס־שטעלן אין קאמפּאונד צום פאַראַד. גאַר אַ סך מי האָט עס אונדז אָפּגעקאָסט צו פועלן ביים אַלטן קאָמאַנדאנט אָפּצושאַפן דעמדאָזיקן פונקט אַזוי לעכערלעכן ווי זינלאָזן פאַראַד, און איצט וויל מען ווידער אָנהייבן מיט אָט־דעם אַלטן שפּיל. די געפאַנגענע זיינען אלע שטאַרק אויפגעטראָגן געוואָרן און האָבן דאָס באַטראַכט ווי א כוונה זיך צו איזדיעקעווען איבער זיי. האָב איך זיך תיכף צונויפגערעדט מיט מיינע ביידע קאָלעגן פון די אַנדערע באַטאַליאָנען און מיר האָבן באשלאָסן וועגן דעם צו רעדן מיטן קאָמאנדאנט. ער האָט אונדז אויפגענומען מיט זיין געקינסטלטער פריינט־לעכקייט און געפרעגט, וואָס מיר פאַרלאַנגען פון איב. מיר האָבן אים דערקלערט, אז די נייע גזירה האָט די מענטשן אין לאַגער שטאַרק אויפגערעגט, וואָרן דער אלטער קאָמאנדאנט האָט פון לאנג נאָך געהאט אָפּגעשאפט דידאָזיקע פאראדן און אונדזערע געפאנגענע האלטן, אז זיי זיינען נישט קיין זעלנער און אויך נישט קיין פאַרברעכער. ער האָט אונדז אָנגעקוקט מיט גרויסע, נישתוממדיקע אויגן, אָבער ער האָט זיך געלאָזט איינרעדן און די פאַראָרדענונג איז, צו דער גרויסער פרייד פון די געפאַנ־גענע אין לאַגער, אַראָפּגענומען געוואָרן פונעם „שוואַרצן טאָוול".

שוין פון לאנג ווי מיר אלע זיינען געווען איניק צווישן זיך, אז דער אייגנט־לעכער גורם פון די אלע שטיק איז דער פעלדפעבעל טרינמאַן, וועלכער לאָזט נישט דורך קיין שום געלעגנהייט אונדז צו דערגיין די יאָרן דורך אלערליי שיקאַנעס, קעגן וועלכע ס׳איז אונדז נישט לייכט זיך צו פאַרטיידיקן. אזוי האָט מען ביי די וויזיטן ווידער איינגעפירט פיינלעכע רעוויזיעס, ביכדי כלומרשט צו פארהיטן פון „קאָנטראַ־באנד". די אָרעמע פרויען זיינען איצט אָפט אויסגעשטעלט געוואָרן צו דער ברוּ־טאַלסטער באהאנדלונג, און טאָמער האָט מען ביי עמעצער פון זיי געפאַקט אפילו די מינדסטע קלייניקייט, וואָס איז באטראכט געוואָרן ווי א חטא, איז זי אומברח־מנותדיק צוריקגעשיקט געוואָרן און נישט געקאָנט זען איר מאַן. דער מיזעראַבלער פעלדפעבל האָט אפילו אָנגעזאָגט זיינע זעלנער, אז טאָמער זעען זיי אין די הענט ביי אַ קינד, וואָס קומט צו גאַסט, אַ פענעצל ברויט אָדער אַ שטיקל שאָקאָלאַד, וואָס עס האָט מיטגעברענגט פאַר זיך אַליין, זאָלן זיי עס ביי אים אַרויסרייסן, אַז ס׳זאָל חלילה נישט קאָנען אָנקומען צו די געפאנגענע. האָט מען עמעצן געכאפּט ביים „שמוגלען", איז די שטראָף געווען אַ זייער האַרטע. געוויינלעך האָט מען אים אויף עטלעכע חדשים פאַרווערט אַלע באַזוכן אָדער מ׳האָט אים פשוט און פּראָסט אָפּגע־

שיקט אויף דער אינדזל. ביסלעכווייז האָט מען געקירצט די צייט פון די באזוכן מיט אַ האַלבער שעה און אונדז אָפּגעזאָגט דעם טעאַטער־זאַל פאַר דעם צוועק. אָבער די גרעסטע דערנידעריקונג האָט מען אָנגעטאָן די פרויען, וועלכע האָבן באזוכט זייערע מענער, דערמיט וואָס מ׳האָט אָנגעזאָגט צו באנוצן בלויז די מיטלסטיקע טייל פון די ברייטע טרעפּ, וועלכע האָבן אַרויפגעפירט צו דער מיזרחדיקער האַלע. האָט זיך געמאכט, אז א פרוי איז געגאנגען אויף די טרעפּ צו ווייט אויף לינקס אָדער אויף רעכטס, איז זי פון די זעלנער פשוט און פראָסט צוריק אַראָפּגעטריבן געוואָרן אונטן, ביכדי פונדאָסניי אַרויפצוגיין און זיך האלטן פונקט אין דער מיט. די פרויען האָבן מורא געהאט צו פּראָטעסטירן, כדי מ׳זאָל זיי אינגאנצן נישט פאַרווערן די וויזיטן אָדער גאָר אינגאַנצן פארשיקן זייערע מענער אויף דער אינדזל. די געפאַנגענע ווידער האָבן זיך אַליין אויפגעפרעסן פון שטומען צאָרן, ווייל זיי האָבן זיך נישט געקאָנט העלפן. מ׳האָט זיך אָבער געקאָנט משער זיין, אַז ס׳וועט ווען ס׳איז דערגיין צו אַן אויסברוך.

דעם 1טן יולי איז אָנגעקומען א נייע רשימה פון קאנדידאטן פאר דער „אייל אָף מען“, אויף וועלכער ס׳האָבן אויך פיגורירט פיר מענטשן פון אונדזער באטאליאָן, וועלכע האָבן געהאט חתונה געהאט מיט ענגלישע פרויען, אַזוי אז ס׳איז לויט דער פאראָרדענונג פונעם קריגסמיניסטעריום נישט געווען קיין שום סיבה זיי צו פאַרשיקן אויף דער אינדזל. דאָס ערגסטע דערביי איז אָבער געווען, אז צווישן די פיר זיינען געווען צוויי, וועלכע האָבן געהאט די גרעסטע פארדינסטן אין זייערע באמיאונגען לטובת זייערע מיטגעפאַנגענע. איינער פון זיי איז געווען הער טרינקס, אַן עסטרייכער, וועמען זיינע לאַנדסלייט אין לאַגער האָבן איבערגעגעבן צו פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן ביי דער שוועדישער אַמבאַסאַדע, וועלכע איז דעמאָלט געווען די ממונה איבער די עסטרייכישע ציווילע געפאנגענע. ווי אַן איש תם וישר אַזוי צו זאָגן האָט טרינקס שטענדיק ערלעך און געטריי דורכגעפירט זיינע היתחייבותן און ער איז דעריבער געווען ווי א דאָרן אין אויג פונעם נייעם קאָמאנדאנט און ער האָט אים אויף דעם אופן געוואָלט באזייטיקן. דער צווייטער איז געווען דר. מיכאַעלס, די נשמה פונעם גאנצן לערן־ און שול־סיסטעם אינעם לאַגער. צוזאמען מיטן דר. סימאָניס האָט ער אינעם לויף פון די יאָרן צונויפגענומען אלע פּעדאגאָגישע כוחות, וועלכע מיר האָבן געהאַט, און געשאַפן אַזאַ מין הויכשול, וועלכע ער האָט פאַרשטאַנען אַזוי אָנצופירן און כסדר איבערצובויען באַנייס, נישט געקוקט דערויף, וואָס נאָך יעדן טראנספּאָרט צו דער אינדזל זיינען צוגענומען געוואָרן לערער און שילער. דערדאָזיקער מענטש איז דעם גאנצן טאָג געווען באשעפטיקט מיט זיין אַרבעט און יעדער איינער איז אים דערפאר געווען דאנקבאר. פאַרוואָס מ׳האָט אָטדעם מענטשן באשלאָסן אָפּצושיקן אויף דער אינדזל, איז געווען אומפארשטענדלעך. אָבער ס׳קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אז אזא טעמפּער מענטש ווי דער נייער קאָמאנדאנט האָט געהאלטן, אז אזעלכע קורסן זיינען לגמרי נישט פּאסיק פאר קיין געפאנגענע.

ווען איך האָב אינדערפרי געזען די נעמען פון די פיר מענער פון מיין באטאַ־

ליאַן אויף דער רשימה, האָט מיך ארומגעכאַפּט אזא גרימצאָרן, אז איך האָב זיך קוים געקאָנט באהערשן. ס'איז פאַר מיר תיכף קלאָר געוואָרן, אז טאָמער וועט איצט נישט געשטעלט ווערן קיין ווידערשטאַנד, וועט אלץ פאר אונדז זיין פארלוירן. האָב איך דעריבער באשלאָסן צו שטעלן אלעס אויף דער קאָרט, ביכדי צו דערפירן דעם ענין צו אַן ענדגילטיקן אויסגאנג, אהין אָדער אהער, מעג קומען וואָס ס'וויל. איך האָב איבערגעגעבן מיין זון איינצופּאקן אונדזערע זאַכן, ווייל נאָך דעם, וואָס איך האָב גערעכנט צו טאָן, איז עס געווען כימעט זיכער, אז מיר וועלן זיך דאַרפן פאַר־נעמען צוזאַמען מיט די אנדערע אויף דער אינדזל. נאָכדעם האָב איך זיך תיכף געלאָזט מעלדן ביים קאָמאַנדאַנט. ווען איך בין צו אים אַריינגערופן געוואָרן, האָט ער מיך באטראכט מיט א קאלטן בליק און מיך געפרעגט. וואָס איך וויל. איך האָב געמוזט אָנטאָן א כוח איבער זיך, כדי צו באַהערשן מיין אויפגערעגטקייט און פאר אים פאָרגעלייגט אַזוי רואיק ווי איך האָב נאָר געקאָנט מיינע טענות. ער האָט מיר פּאָרמעל געענטפערט, אז צום באדויערן קאָן ער דאָ גאָרנישט ענדערן, מחמת דער באפעל אָט־די מענטשן אַוועקצושיקן אויף דער אינדזל איז אים צוגעשיקט געוואָרן פונעם קריגסמיניסטעריום. איך האָב אָבער געוווסט, אז ער זאָגט נישט דעם אמת.

— גוט, — האָב איך געזאָגט, — אויב דאָס איז טאקע אַזוי, בין איך געצוווּנגען צו רעזיגנירן פון מיין שטעלע, וועלכע איך מוז ביי אזעלכע אומשטענדן באטראכטן ווי אַן אומכבודיקע, אַ פארשעמענדיקע. מיר ווייזט זיך אויס, אז דאָ איז מען אויסן צו פאַרטרייבן פון דאַנען אלע ערלעכע און כאראקטערשטאַרקע מענטשן און איבער־לאָזן די כאַראַקטערשוואַכע און אויסוורפן, אויף וועלכע מ'וועט קאָנען אַרויפצווינגען אלערליי דערנידעריקונגען. איך האָב איצט בלויז איין פאַרלאַנג: שיקט מיך אָפּ צוזאַמען מיט די אַנדערע אויף דער אינדזל אייל אָף מען.

און נישט אָפּוואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, בין איך אַרויס פון זיין צימער.

איך האָב זיך, אַזוי אַרום, אָביסל אַראָפּגערעדט פונעם האַרץ און ס'איז מיר איצט געוואָרן גרינגער. איך בין געווען גרייט צו פארלאָזן דאָסדאָזיקע פלאץ. און כדי זיך צו בארואיקן פון מיין אויפרעגונג, בין איך אוועק אין מיין שטילן ווינקל אין דער אַלייע פון די קאַשטאַנביימער, ווו איך האָב זיך אומגעשטערט געקאָנט אָפּגעבן מיט מיינע אייגענע געדאַנקען. איך בין דאָרט געזעסן אַ לענגערע צייט. אָבער מיט־אַמאָל האָט מיך דערזען אַ זעלנער און ער איז באלד אויף גיך צוגעקומען צו מיר. ער האָט מיר געזאָגט, אז שוין מער ווי אַ האלבע שעה צייט ווי ער זוכט מיך אומעטום אַרום און מיך נישט געקאָנט געפינען. ער דאַרף מיך האָבן, ווייל דער מאַיאָר מאָט וויל רעדן מיט מיר. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער טעראַסע, האָט שוין דער מאַיאָר געוואַרט אויף אונדז. ער איז מיר אנטקעגנגעגאַנגען און זיך מיט מיר פריינטלעך באגריסט. ער האָט מיך געבעטן צו מאכן מיט אים א שפּאַציר, ווו מיר וועלן קאָנען אומגעשטערט רעדן וועגן די לעצטע געשעענישן.

איך האָב איצט אַרויסגעבראַכט אלץ, וואָס איז געלעגן אויף מיין געמיט און גאָרנישט אויסבאהאלטן און מיט גאָרנישט זיך געהיט. איך האָב דעם מאַיאָר דער־קלערט, וואָס ס'האָט פּאַסירט, ווי אַזוי ס'איז זינט דעם אָנקום פונעם נייעם קאָמאַנ־

דאנט פאַרגעקומען א גאנצער איבערקער אין לאגער און ווי אַזוי מ׳שטעלט אויס די געפאנגענע צו אומאיבערגעריסענע דערנידעריקונגען און מ׳באהאנדלט זיי אזוי ווי מ׳באַהאַנדלט נישט אפילו קיין געמיינע פארברעכער. וואָרן אויך אין קאַטאָרגע זיינען פאַראַן געוויסע נאָרמען מכוח אויפפיר, בעת דאָ זיינען די געפאַנגענע אויסגעשטעלט צו דער ברוטאַלסטער אייגנווויליקייט. אַזוי האָט מען אונדז פארקירצט די צייט פון די וויזיטן און פון אונדז צוגענומען דעם טעאַטערזאַל פאר די באזוכן. אַזאַ גזירה, ווי די, וואָס באַציט זיך צו דעם, אז די באזוכער מעגן גיין נאָר אין סאמע מיט פון די טרעפּ, ווען זיי גייען צום מיזרחדיקן „האַל״, ווייל ווען נישט, ווערן זיי פון די זעלנער צוריק אַראָפּגעטריבן אונטן, מוז פון די געפאנגענע באטראכט ווערן נישט ווי עפּעס אנדערש ווי נאָר אַ געמיינע שיקאַנע, אַן איזדיעקעווען זיך איבער שוצלאָזע פרויען און קינדער, כדי זיי צו דערנידעריקן. און איצט דער נייער פּרווו צו פאַר־שיקן אויף דער אינדזל מענטשן, וועלכע געפינען נישט קיין חן אין עמעצנס אויגן, הגם זיי האָבן זיך מיט גאָרנישט פארשולדיקט.

— גלייבט מיר, מאַיאָר, — האָב איך געזאָגט — מ׳פאַרשטייט אין גאַנצן לאַ־גער, וואָס מ׳איז אויסן דערמיט. איך אליין ווייס זייער גוט, אז מ׳וועט אויך מיך פאַרשטויסן פון דאַנען, ווען ס׳וועט קומען די צייט דערצו. אָבער איך וויל נישט וואַרטן ביז ס׳וועט קומען מיין ריי. איך האָב נישט קיין חשק ווייטער צו פאַרנעמען די שטעלע ווי אַ פירער פונעם באַטאַליאָן. ביז איצט איז די שטעלע געווען א בכבו־דיקע שטעלע, אַן ערנפּאָסטן פאַר מיר, פאַר וועלכן איך האָב געהאַט דעם אומבאַ־דינגטסטן צוטרוי פון מיינע חברים. איר אליין ווייסט צום בעסטן, אז איך האָב מיין חוב ערלעך מקיים געווען. אָבער צו זיין דאָ ווי א מאַריאָנעטקע, בעת מיינע מיטגע־פאַנגענע זיינען אויסגעשטעלט אַריבערצוטראָגן די געמיינסטע אומגערעכטיקייט, אויף אַזעלכע זאכן בין איך נישט קיין בעלן. דאָס ערגסטע איז, וואָס די אַלגעמיינע מיי־נונג אין לאַגער איז, אַז נישט דער קאָמאנדאנט, נאָר דער פעלדפעבעל טרינמאַן פירט דאָ אָן מיטן רעדל און צו אים האָט קיינער נישט קיין ברעקל צוטרוי.

דער מאַיאָר האָט מיך רואיק אויסגעהערט. איך האָב געוווּסט, אַז אינערלעך גיט ער מיר צו רעכט, הגם עפנטלעך טאָר ער דאָס נישט אַרויסזאָגן. נאָך א לענגערער ווײַלע האָט ער איבערגעריסן די שטילקייט און פריינטלעך געזאָגט צו מיר:

— איר מוזט צוריק איבערנעמען אייער שטעלע, ראָקער. איר מוזט דאָס טאָן צוליב אייערע אייגענע חברים. וועגן די אַלע זאכן, וועגן וועלכע איר האָט זיך דאָ אַרויסגעזאָגט, קאָן מען רעדן. יעדער איינער ווייסט, אַז איר האָט דעם גאנצן צוטרוי פון אייערע מיטגעפאַנגענע און קיינער וויל אייך נישט טאָן קיין אומרעכט.

— מאַיאָר, — האָב איך געזאָגט, — איר פאַרלאַנגט פון מיר זאַכן, וועלכע זיינען פאַר מיר אוממעגלעך. כל־זמן די אָנגענומענע באַגרענעצונגען וועלן נישט צוריקגע־צויגן ווערן און די נעמען פון מיינע מיטגעפאַנגענע טרינקס, מיכאַעלס, הערמעס און האַנק וועלן נישט אַראָפּגענומען ווערן פון דער ליסטע, איז פאַר מיר אוממעגלעך ווידער אויפצונעמען מיין שטעלע.

— נו, גוט, — האָט ער געזאָגט. — איך אַליין וויל רעדן מיטן קאָמאַנדאַנט.

אָבער אויך איר מוזט מיר אַביסל צוהעלפן און אין עפּעס נאָכגעבן. איר דאַרפט אים זאָגן, אַז איר זיינט געווען אַביסל איבערגעאיילט, ווען איר האָט רעזיגנירט פון אייער שטעלע.

— אַזעלכעס איז אויסגעשלאָסן, מאַיאָר, — האָב איך געזאָגט. — איר, ווי אַ מענטש, פאַר וועמען איך האָב דרך־ארץ, וועט דאָך אַליין פאַרשטיין, אַז איך קאָן אַזעלכעס נישט טאָן. איך אַליין וועל צום קאָמאַנדאַנט נישט גיין. אויב ער דאַרף מיך האָבן, זאָל ער מיך שיקן רופן.

— נו, זאָל זיין אַזוי, — האָט ער געזאָגט, — איך וויל נישט זיין צודרינגלעך צו אייך. איך וועל פאַרלייגן די זאַך פאַרן קאָמאַנדאַנט. האַלט זיך אויף אין אייער ביוראָ, כדי מ׳זאָל אייך תיכף קאָנען געפינען, ווען מ׳וועט אייך באַדאַרפן.

ווען איך בין צוריקגעקומען אין באַטאַליאָן, איז דאָרט אַלעס געווען אין פולן קאָך. אַלע האָבן געוווסט, פאַרוואָס איך האָב באַזוכט דעם קאָמאַנדאַנט, און אַזוי ווי מ׳האָט מיך אַזוי לאַנג נישט געקאָנט געפינען, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מ׳האָט מיך אַרעסטירט און מ׳וועט מיך פאַרשיקן אויף דער אינדזל. אַ גליק, וואָס אייניקע געפאַנגענע האָבן מיך פון דער ווייטנס געזען שפּאַצירן מיטן מאַיאָר מאָט. דאָס האָט זיי אַביסל באַרואיקט, אָבער די נערוועזע געשפּאַנטקייט האָט אָנגעהאַלטן. אין גאַנצן לאַגער האָט געהערשט אַזאַ אחדות ווי קיינמאָל נישט פריער. סיי די פּאַטריאָטן און סיי די אַנאַרכיסטן זיינען געווען גרייט זיך אַרויסצושטעלן פאַר מיר.

ערשט איצט איז מיר די זאַך קלאָר געוואָרן. ווייזט־אויס, אַז עמעצער האָט גע־לאָזט וויסן דעם קאָמאַנדאַנט וועגן דער אויפרעגונג, וואָס הערשט אינעם לאַגער צווישן די געפאַנגענע. און אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט, אַז ס׳קאָן אויסברעכן אַ בונט, האָט ער אויף גיך זיך דורכגעשמועסט מיטן מאַיאָר מאָט. פאַר דער לאָנדאָנער רעגירונג האָט באַאין אופן נישט געלוינט קיין אָפענער בונט אין אַ לאָנדאָנער אינ־טערנירלאַגער. דער אַלטער קאָמאַנדאַנט האָט במשך פון צוויי יאָר אָנגעפירט מיט זיין אמט און ס׳איז פאַר אָט־דער צייט נישט געקומען צו קיין ערנסטערע אינצי־דענטן. ווען ס׳זאָלן איצט אויסברעכן אומרוען אין זעלביקן לאַגער, איז מעגלעך, אַז מ׳זאָל אינעם קריגסמיניסטעריום מאַכן פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך דעם נייעם קאָמאַנדאַנט. און צו דעם האָט ער אויף אַלע אופנים נישט געטאָרט דערלאָזן. דער פּאַרשוין איז געווען ברוטאַל, אָבער האָט נישט געהאַט קיין פּערזענלעכן מוט, וואָס אַזעלכעס איז אָפט דער פאַל ביי ברוטאַלע מענטשן. מהאי טעמא האָט ער מיסתמא איינגעזען, אַז פאַרזיכטיקייט איז דער בעסטער טייל פון דער מוטיקייט.

ס׳איז נישט אַריבער קיין פערטל שעה, ווי מ׳האָט מיך געשיקט רופן צום קאָ־מאַנדאַנט. ער האָט מיך אויפגענומען אין דער קעגנוואַרט פונעם מאַיאָר מאָט און איז געווען ליבלעך און פריינטלעך ביז גאָר. לויט זיין טענה האָט זיך דאָ בלויז געהאַנדלט וועגן אַ פאַלשן אויסטייטש פון אַן ענין, וועלכער איז איצט, צום גליק, שוין אויפגע־קלערט געוואָרן. וועגן דער באַרימטער גזירה, ווי אַזוי צו גיין אויף די טרעפּ האָט ער כלומרשט אינגאַנצן נישט געוווסט, וואָס דאָס קאָן אפשר האָבן געווען אמת, ווייל ס׳איז מעגלעך, אַז דאָס איז געווען דאָס געמיינע שטיקל אַרבעט פונעם פעלדפעבל.

אַלע באַגרענעצונגען זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן, ס׳זאָל ווידער איינגעפירט ווערן דער אַלטער סדר פון די וויזיטן א.א.וו. נאָכדעם האָט ער פאַרלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל ווידער אויפנעמען מיין שטעלע.

— און וואָס הערט זיך מכוח די פיר מענטשן, וועמעס נעמען ס׳שטייען נאָך אַלץ אויף דער רשימה? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— איך וועל זיך תיכף נאָכפרעגן אין קריגסמיניסטעריום און זיך באַמיען, אַז דידאָזיקע מענטשן זאָלן דאָ קאָנען פאַרבלייבן, — האָט ער געזאָגט.

דערמיט איז דער אינצידענט געווען דערליידיקט. איך אליין האָב זיך פונדעסט־וועגן נישט געפילט זיכער, מחמת איך האָב נישט געהאַט קיין צוטרוי צו אָט־דעם מענטשן, וועלכער האָט אין זיך נישט געהאַט אפילו קיין שפּור פון אויפריכטיקייט.

ווען איך בין צוריקגעקומען אין באַטאַליאָן און ס׳איז באַקאַנט געוואָרן דער רעזולטאַט, איז אַנטשטאַנען אַ ברויזנדיקע שימחה אין גאַנצן לאַגער. די געפאַנגענע זיינען געווען ווי משוגע פאַר פרייד און נישט געוווסט, ווי אַזוי מיר אויסצודריקן זייער דאַנקבאַרקייט. בלויז מיר אליין איז געווען שווער אויפן געמיט, וויל איך האָב געוווסט, אַז כל־זמן דער מיזראַבלער פעלדפעבל וועט דאָ האָבן אַ דעה, איז נישט מעגלעך צו טראַכטן וועגן רואיקייט אין לאַגער.

## איך זע זיך ווידער מיט מילין. — טרינמאַנס מפלה

דעם 14טן יולי האָב איך באַקומען אַ מערקווירדיקן בריוו פון מילין. אַן אַגענט פון סקאָטלאַנד יאַרד איז צו איר געקומען אין תפיסה און איר געלאָזט וויסן וועגן גוטע פּערספּעקטיוון פאַר איר באַלדיקער באַפרייונג. דער אַגענט האָט איר דערציילט, אַז אין שייכות מיט די רוסישע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן איז פאָרגעקומען אַ פולשטענדיקע ענדערונג אין דער לאַגע, וועלכע איז איצט אויך אויסגעפאַלן גינציק פאַר איר. נאָך אַ לענגערן פּלאָנטערן מיט דער צונג וועגן פאַרשידענע זאַכן איז ער לסוף צוגעקומען צום אייגנטלעכן צוועק פון זיין באַזוך. ער האָט נעמלעך געפרעגט מילין, אויב זי איז גרייט, אין פאַל זי זאָל באַפרייט ווערן, אָפּצוגעבן אַ שריפטלעכע דערקלערונג זיך אָפּצוזאָגן פון יעדער פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער מילחמה. מילי האָט אים געענטפערט, אַז וועגן דעם קאָן אפילו קיין רייד נישט זיין, ווייל מ׳האָט זי אי־נטערנירט אָן אַ שום רעכטלעכן יסוד און איר אַפּילו נישט באַוויליקט קיין אָפענעם פּראָצעס. אויב מ׳האָט, בכן, באמת די כוונה זי צו באַפרייען, מוז דאָס איר באַוויליקט ווערן אָן קאָנדיציעס. דערמיט איז דער שמועס פאַרענדיקט געוואָרן. וואָס ס׳וועט ווייטער געשען, דאָס האָט קיינער נישט געקאָנט פאָרויסזאָגן.

סוף יולי זיינען אין לאַגער פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז מ׳האָט בדעה אָפּצוליידיקן דעם „פּעלעס" און אָפּצושיקן די געפאַנגענע אויף דער „אייל אָף מען". אַזעלכע קלאַנגען האָבן אויך פריער צירקולירט, אָבער איצטיקס מאָל האָט דער עיניז אויסגעזען צו זיין ערנסטער, ווייל איך האָב געהערט, אַז אַפילו די אָפיצירן האָבן גערעדט דערפון. די ידיעה, וועלכע איז באַלד נאָכדעם אויך באַשטעטיקט געוואָרן פון דער שווייצאַרישער אמבאַסאַדע, האָט אַריינגעוואָרפן די געפאַנגענע אין פאַרצווייפ־לונג. זיי, וועלכע זיינען במשך פון אַזויפיל יאָרן אויסגעשטאַנען אַזוי פּ־יל צרות, דחקות און דערנידעריקונגען, האָבן איבערגעטראָגן זייער גורל אַזוי גוט ווי זיי האָבן געקאָנט, כל־זמן זיי האָבן לפּחות געהאַט די געלעגנהייט זיך צו זען פון צייט צו צייט מיט זייערע קרובים. האָט זיי איצט אויך אָט־די טרייסט געזאָלט צוגענומען ווערן.

מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים פערטן יאָר פון דער מילחמה. די לאַנגע געפאַנ־גענשאַפט האָט זיכער אויף יעדן איינעם פון אונדז אַרויפגעלייגט איר חותם. די־דאָזיקע מענטשן זיינען שוין נישט געווען מסוגל צו קאָנען אויסהאַלטן נייע קלעפּ פונעם גורל, פונקט אַזוי ווי זייערע פרויען, פון וועלכע דער רוב האָט אין לויף פון

אַט־די יאָרן געמוזט אַריבערטראָגן אומבאַשרייבלעכע נויט און פּיין און נאָך דערצו בסדר געווען אויסגעשטעלט צו דער שינאה פון זייער סביבה. טרויעריקע סצענעס זיינען עס געווען, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּילט יעדן טאָג בשעת די וויזיטן. פּונ־דעסטוועגן האָט דער נידערטרעכטיקער טרינגמאַן אויך איצט נישט געהאַט קיין אָפּ־האַלט צו דערקלערן פאַר די פרויען ווידער און אָבער ביים יעדנמאָליקן באַזוך, אַז זייערע מענער זיינען אַליין שולדיק אין דעם, וואָס דער לאַגער וועט אָפּגעליידיקט ווערן, ווייל דאָס שטענדיקע בונטעווען זיך פון די מענטשן האָט די רעגירונג גע־צוווּנגען צו אַזאַ שריט. פאַר אַט־דעם האַרצלאָזן פאַרשווין איז אַפילו דער צער און יסורים פון דידאָזיקע דערשלאָגענע און פונעם גורל אַזוי האַרט געשטראָפטע פרויען נישט געווען הייליק.

אין גאַנצן לאַגער האָט אין יענער צייט געהערשט אַ שווערע און געדריקטע שטימונג. דער אויסקוק אויף אַ נאָענטן פרידן האָט זיך ווידער אויסגעוויזן אָפּ־צוריקן אויף ווער ווייסט ווי ווייט. די גרויסע האָפענונגען, וואָס מ'האָט געלייגט אויף דער רוסישער רעוואָלוציע, האָבן אויך אָנגעהויבן ווערן אַלץ שוואַכער און שוואַכער. ס'איז בלי שום ספק, אַז דאָס רוסישע פאָלק איז געווען מיד פון דער מלחמה, אָבער ס'ווייזט־אויס, אַז ס'איז געווען לייכטער אַריינגעשלעפּט צו ווערן אין אַט־דעם משו־געגעם שטורעמטאַנץ פון טויט און פאַרניכטונג איידער פון אים זיך אַרויסצודרייען. אַ סך רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז אַ סעפּאַראַטער שלום מיטן קייזערלעכן דייטשלאַנד איז אויך פאַר דער רעוואָלוציע גופא געווען אַ גרויסע סכנה. ווען די דייטשע מושלים זאָלן באַוויזן צו באַפרייען זייערע חיילות אין מיזרח און זיי קאָנען אַריבערוואַרפן אויפן מעריב, וואָלט נאָך דייטשלאַנד אַלץ געקאָנט רעכענען אויף אַ ניצחון. אָבער אַזאַ בייט פון דער קריגסלאַגע וואָלט זיכער באַגעשפּילט דער קאָנטררעוואָלוציע אין רוסלאַנד און וואָלט אַפילו געווען ביכולת צוריקצוברענגען דעם צאַריזם צו דער מאכט. ס'קאָן קיינעם מיכּתמא נישט איינפאַלן אַרויסצוקומען מיט דער טענה, אַז אַט־די מורא איז געווען אומבאַגרינדעט.

דעם 9טן אויגוסט האָט אונדז באַזוכט דער דר. פישער פון דער שווייצאַרישער געזאַנדשאַפט און אונדז געבראַכט די ידיעה, אַז דער פאַרשטייער פון זיין רעגירונג האָט געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט לאָרד ניוטאָן. ער האָט אונדז באַרואיקט און פאַרזיכערט, אַז לויט זיין מיינונג וועט דער לאַגער נישט אָפּגעליידיקט ווערן; אַז דערווייל, הייסט עס, איז דער פּלאַן אויפגעגעבן געוואָרן. עס מוז דאָ, אַגב, באַטאָנט ווערן, אַז סיי די שוועדישע אַזוי אויך די שווייצאַרישע אַמבאַסאַדעס האָבן געטאָן אַלעס מעגלעכע, ביכדי אונדז בייצושטיין אין אונדזער נויט. אַ סך האָבן זיי יעדנפאַלס נישט געקאָנט דערגרייכן, אָבער דאָס איז דאָך זיכער נישט געווען זייער שולד. אין אַ צייט, ווען אַלע גרויסע מלוכות פון אייראָפּע זיינען געשטאַנען איינע קעגן די אַנדערע אויף די שלאַכטפעלדער אין אַ געראַנגל אויף לעבן און טויט, האָבן אַלע אַמאָליקע שריפטלעכע אָפּמאַכן פאַרלוירן זייער ווערט. קיינער האָט זיך מער נישט געפילט געבונדן צו קיין פּאַקטן און די ברוטאַלסטע אייגנוויליקייט האָט געהאַט אַ פרייען און אָפענעם וועג. אין אַזאַ צייט איז די פאַרטרעטערשאַפט פון אונדזערע אינטע־

רעכן געזעץ א גאַר שווערע און אומדאנקבארע אויפגאבע. אָבערביידע אמבאסאדעס האָבן זיך ערלעך באמיט פאַר אונדז און מ׳האָט מער פון זיי נישט געקאָנט פאַרלאַנגען.

דעם 14טן אויגוסט איז אינעם באטאַליאָן „סי״ פאָרגעקומען אַ פּאַסירונג, וועלכע האָט געהאַט שלעכטע רעזולטאַטן פאַר אונדזער גאַנצן לאַגער און ביפרט פאַר אייניקע פון אונדזערע מיטגעפאַנגענע. זינט אַ לאַנגער צייט זיינען מיר געשטאַנען אין געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט אַן ענגלישן פאַרמער מיטן נאָמען דייוויס, ביי וועלכן די דריי באטאַליאָנען פלעגן קויפן קאַרטאָפל און געמיזע. דייוויס פלעגט אויך קויפן ביי אונדז דאָס אָפּפאַל פון דער קיך פאַר זיינע חזירים און ער פלעגט קומען יעדע וואָך עטלעכע מאָל אין לאַגער אריין מיט זיין אייזל און וואָגן. אין אַ טאָג האָט דער פעלדפעבל טרינמאַן גאַנץ אומגעריכט געלאָזט רעווידירן דייוויסעס וואָגן און מ׳האָט דערביי צווישן דעם אָפּפאַל פון דער קיך געפונען צוויי זעקלעך רייז. ווען מ׳האָט אים געפרעגט וועגן דעם, האָט ער דערקלערט, אַז דאָס האָט אים געשענקט דער געפאַנגענער פונעם באַטאַליאָן „סי״ יאָהאַן אימער, ביכדי דערמיט צו פיטערן זיינע חזירים. באלד נאָכדעם זיינען דייוויס און אימער אַרעסטירט געוואָרן און איבערגעגעבן געוואָרן דער פּאָליציי.

דער ענין האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקע אויפרעגונג אינעם גאַנצן לאַגער, ווייל אימער איז געווען דער הויפּטקיכער פונעם באַטאַליאָן „סי״ און ביים רוב געפאַנגענע איז לכתחילה אויסגעקומען, אַז ער האָט אַראָפּגענומען די רייז פון די פּאָרציעס פאַר די געפאַנגענע און דאָס געוואָלט פאַרקויפן פאַר זיין פּערזענלעכן נוצן. דער פעלדפעבל האָט זיך געבלאָזן ווי אַן אינדיק און זיך געהאַלטן אין איין באַרימען מיט זיין אַנטדעקונג, אַן אַנטדעקונג, וועלכע ער האָט זיכער געהאַט צו פאַרדאַנקען עפּעס אַ מסירהלע פון עמעצן. און בעת אינעם לאַגער האָבן צירקולירט די משונהדיקסטע קלאַנגען, האָט הוט, דער פירער פונעם באַטאַליאָן „סי״, פּלוצים באַקומען דעם באַפעל תיכף איינצופּאַקן זיינע זאַכן, ווייל אין צוויי שעה אַרום וועט ער אָפּגעשיקט ווערן אינעם לאַגער קיין ווייקפיעלד. די קאַפּיטאַנען פונעם באַטאַליאָן „סי״ האָבן תיכף אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג, צו וועלכער אויך איך בין פאַרבעטן געוואָרן. די לאַגע איז געווען אַזוי קאָמפּליצירט, אַז מ׳האָט נישט געקאָנט אַרויסקריכן פון איר. הוט און אַלע קאַפּיטאַנען פונעם באַטאַליאָן „סי״ האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אימערן מיט די בעסטע מיינונגען און זיי האָבן דערקלערט איינשטימיק, אַז ער איז געווען ווייט פון יעדער כוונה צו ווען באַגנבענען זיינע מיטגעפאַנגענע. אינדעראמתן האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן אַ שטילן אויסטויש פון פּראָדוקטן, וועלכער איז אויסגעפאַלן לטובת דעם גאַנצן באַטאַליאָן. דער רוב געפאַנגענע פונעם באַטאַליאָן „סי״ זיינען געווען פאַרמעגלעכע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען אָפּצוזאָגן זיך פון זייערע פּאָרציעס רייז פונקט ווי פון אַ סך אַנדערע פּראָדוקטן, ווייל פריער פלעגן זיי באַקומען גענוג לעבנסמיטל פון זייער מישפחה אין דרויסן און דערנאָך, ווען דאָס איז פאַרווערט געוואָרן, — פון אויסלאַנד. אַזוי אַרום האָט אימער לייכט געקאָנט ביסלעכווייז אָפּשפּאָרן אַ זעקל רייז און דאָס אויסטוישן

אויף קארטאָפל, גרינוואַרג און אנדערע פּראָדוקטן פאַר זיין באַטאַליאָן. אינעם ערגסטן פאַל האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן עובר זיין אויפן רעגלאַמענט פונעם לאַגער, אָבער בשום אופן נישט וועגן אַ פאַרברעך.

דעם אַלטן קאָמאַנדאַנט וואָלט עס קיינמאָל נישט געווען איינגעפאַלן איבערצו־געבן אימערן צו דער פּאָליציי. ער וואָלט אים אַליין געווען געמישפּט און דערמיט וואָלט דער ענין געווען פאַרענדיקט. אָבער אונטערן נייעם רעזשים האָט מען דערפון געמאַכט אַן עפנטלעכע אַנגעלעגנהייט און געטאָן האָט מען עס מיט אַ ספּעציעלער כוונה, — ביכדי דערמיט אַרויסצושטעלן אינעם ערגסטן און אומגינצ׳קסטן ליכט די שלעכטע פאַרוואַלטונג און אָפּגעלאָזנקייט פון דער אַלטער מיליטערישער פאַרוואַל־טונג און במילא זאָלן די איצטיקע פאַרשטייער פונעם נייעם סיסטעם זיך אַרויסזען אין די שענסטע און העלסטע קאָלירן.

אַזוי ווי די לאַגע האָט דעמאָלסט אויסגעזען, האָבן מיר פאַר הוטן גאָרנישט געקאָנט טאָן, ווייל כל־זמן דער גאַנצער ענין וועט נישט אויפגעקלערט ווערן, ביכדי יעדער אין לאַגער זאָל וויסן גענוי, ווי אַזוי דער ענין זעט־אויס און וואָס פאַראַ מיינונג ער דאַרף זיך שאַפן דעריבער, איז געווען אוממעגלעך אָנצוהייבן אַן אַלגע־מיינע קאַמפּאַניע, אויב מיר האָבן נישט געוואָלט אַלעס שטעלן אין קאָן און זיך אויסשטעלן צו דער סכנה צו פאַרלירן אַלץ, וואָס מיר האָבן ביז איצט דערגרייכט. הוט האָט דאָס צום בעסטן פאַרשטאַנען און ער האָט אונדז געבעטן זיך אָפּצוזאָגן אין אָט־דעם קריטישן מאָמענט פון יעדן מין דעמאָנסטראַציע. צום גליק האָבן מיר זיך נישט געדאַרפט ברעכן דעם קאָפּ וועגן דעם, ווער ס׳זאָל איבערנעמען הוטס שטעלע ווי אַ פּי־רער פונעם באַטאַליאָן „סי״. מיט אַ גרויסער מערהייט האָט דער דאָזיקער באַטאַליאָן אויסגעקליבן פּריץ פּאַפּע ווי אַ פאַרטרעטער פון זיינע אינטערעסן. פּאַפּע איז געווען אַ פאַרמעגלעכער מענטש. זיין אויפריכטיקער און מוטיקער כאַראַקטער האָט ביי יעדן איינעם אַרויסגערופן דרך־ארץ צו אים. קיין בעסערן קאָלעגע האָב איך זיך גאָרנישט געקאָנט ווינטשן. אין אונדזער פּאָליטישן קוק אויף זאַכן זיינען מיר זיך אָפּט ווייט פונאַנדערגעגאַנגען, אָבער ווי מענטשן זיינען מיר געוואָרן גאָר נאָענט צוויי־שן זיך און זיך קעגנזייטיק רעספּעקטירט.

דעם 8טן אָקטאָבער איז אימער פאַרמישפּט געוואָרן אויף אַ יאָר צוואַנגס־אַרבעט. אַזוי ווי פונעם עדות־זאָגן פון דער פאַרטיידיקונג איז געווען קלאָר אַרויס־צוזען, אַז אימער איז נישט אויסן געווען צו באַגנבענען זיינע חברים, האָט דער ריכטער צוגעשטעלט אַ נייעם אָנקלאַג קעגן אים, באשר ער האָט באַגנבעט די מלוכה. ער האָט זיך דערביי סומך געווען אויף דער אייגנווילִיקער טעזיס, אַז די פּראָדוקטן, וועלכע די רעגירונג שטעלט אונדז צו, זיינען אַזוי לאַנג איר אייגנטום, ביז זיי ווערן פאַרנוצט. נאָר אויפן סמך פון אָט־דער מער ווי אָפּפרעגבאַרער טעזיס האָט יאַהאַן אימער געקאָנט פאַרמישפּט ווערן.

ביים פּראָצעס אין געריכט האָט נאָך טרינמאַן חוץ דעם געמאַכט אייניקע דער־קלערונגען, וועלכע ער האָט פּשוט אויסגעזויגן פון די פינגער און מיט וועלכע ער איז אויסן געווען אַרויסצושטעלן אונדז פאַר דער עפנטלעכקייט ווי אמתע אויסוואָרפן

און מוסטערן פון דישעות. ווי אומפארשעמט דערדאָזיקער פארשוין איז געווען, ווען אילוסטרירן בלויז איין ביישפּיל: צוליב דער שטרענגער ראַציאָנירונג פון דער שפּייז האָט אונדז דער אלטער קאָמאנדאנט איבערגעגעבן א שטח באָדן, אויף וועלכן מיר זאָלן פארזייען קארטאָפל. דער באָדן איז נישט געווען גענוג גרויס, אז ער זאָל קאָנען פארזאָרגן מיט קארטאָפל אַ היפּשן טייל פונעם לאַגער, אָבער א טיילווייזע פאַר־לייכטערונג פאַר אונדז איז עס זיכער געווען. נו, האָט טרינמאַן דערציילט אין גע־ריכט, אז ווי נאָר מיר האָבן געהערט די ידיעה וועגן דעם, אז די רעגירונג איז בדעה אָפּצולייזיקן דעם לאגער, האָבן מיר אַרויסגעריסן די קארטאָפל פון דער ערד, הגם זיי זיינען נאָך נישט געווען צייטיק. דאָס איז געווען א גאנץ שענדלעכער און בכיוונ־דיקער ליגן, מחמת דער נייער קאָמאנדאנט אליין האָט אַרויסגעגעבן א באפעל אזעל־כעס צו טאָן, אַ באַפעל, וועלכער איז אין משך פון דריי טעג צייט געווען אָנגעשריבן אויף דער שוואַרצער טאָוול. טרינמאַן האָט גוט געוווּסט וועגן דעם, אָבער א ם איז געגאַנגען אין דעם, אונדז אַרויסצושטעלן ווי נידעריקע עגאָיסטן, ביכדי צו שטיצן זיין שינאה צו אונדז, דערפאר, וואָס ביז איצט האָבן מיר אָפּגעוואָרפן אלע זיינע כוונות קעגן אונדז.

מ'האָט טאָקע דערפאַר אין גאנצן לאגער געפילט אַ שטאַרקע פאראכטונג צו אים. אָבער יעדער איינער האָט אויך געוווּסט, אז צווישן די געפאַנגענע גופא פעלן נישט קיין קליינלעכע מענטשעלעך, וועלכע טראָגן אים צו וועגן אַלץ, וואָס פּאַסירט אינעם לאגער. דאָס זיינען געווען א סך פון יענע פון זיינע פריערדיקע פּראָטע־זשירטע, וועלכע האָבן מיט אים מיטגעארבעט אינעם לאגער אין סטראטפאָרד און וועגן וועמען קיינער האָט נישט געהאט צו זאָגן קיין איין גוט וואָרט. איז דער פועל־יוצא פון אזא לאגע געווען א שטענדיקער אומצוטרוי, וועלכער איז נאָך מער פאַר־שטאַרק געוואָרן דורך די גייסטיקע ווירקונגען פון דער לאנגער געפאַנגענ־שאפט. מ'האָט זיך אומעטום געפילט ווי אַרומגערינגלט פון שפּיאָנען און מורא געהאַט פאַרן אייגענעם שאָטן. און נישט בלויז ביי אונדז איז דאָס געווען אזוי. אויך די זעלנער און אָפיצירן האָבן טרינמאַנען פיינט געהאַט ווי אַ מגיפה, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אז ער שפּיאָנירט און אינטריגירט און טוט־אָן צרות אומעטום, וווּ נאָר ער קאָן. ס'איז געווען אָן אָפענער סוד, אז דער קאָמאנדאנט פארברענגט מיט אָט־דעם ניבזהדיקן מענטשן גאנצע שעהן אין זיין צימער און אַז ער לאָזט זיך פון אים באווירקן. דער קאָמאנדאנט האָט נישט געהאט קיין צוטרוי צו זיינע אייגענע אָפי־צירן, אָבער אָט־דער קריכער און חונף האָט יאָ געוווּנען זיין צוטרוי. ער פלעגט זיך גערן צוהערן צו אלע זיינע רכילותן און אפילו נישט פארשטאַנען, ווי שטאַרק ער קאָמפּראָמעטירט זיך מיט אָט־דעם באַשיימפּערלעכן לאָזן זיך פירן ביי דער נאָז פון זיין פעלדפעבעל.

אייניקע אָפיצירן זיינען געווען אַזוי אויפגעטראָגן, אַז זיי האָבן אין זייערע שמועסן מיט מיר אַפילו נישט פארבאָרגן זייער פאראכטונג צום קאָמאנדאנט. אָבער אזוי ווי אויך צווישן זיי זיינען געווען אייניקע, וועלכע האָבן געזוכט זיך צוצופּאַסן צום נייעם רעזשים, האָט אויך אין יענעם קרייז געהערשט א באשטענדיקער אומצוטרוי. נאָר

דעמאָלסט ווען מ׳האָט זיך געפּילט זיכער, האָט מען זיך אַראָפּגערעדט פון הארץ. אזוי האָט מיר איינער פון די עלטערע אָפיצירן איינמאָל גאנץ אָפן א זאָג־געטאָן, ווען דער שמיעס איז אַרויפגעקומען אויפן קאָמאנדאנט: „דערדאָזיקער מענטש האָט אפילו נישט קיין שמץ פון דזשענטלמענישקייט אין זיך״. אן אנדערער אָפיציר איז געגאנגען נאָך פיל ווייטער און זיך פאר מיר אויסגעדריקט נאָך יאָהאן אימפּערס פאר־מישפּטונג: „איר מוזט זען פארטרייבן פון דאַנען דעמדאָזיקן רשע־מרושעדיקן פעלד־פעבל. ביי אונדז זיינען, צום באדויערן, די הענט געבונדן. איר אָבער האָט דעם גאנצן לאגער הינטער זיך און ס׳וועט דאָ ווערן אן אמתער גיהנום, אויב מ׳זאָל נישט קאָנען אַרויספּטרן פון דאַנען אָט־דעם נידערטרעכטיקן פארשוין״.

די זעלנער האָבן דעמדאָזיקן פעלדפעבל מיסתמא נאָך מער פיינט געהאט ווי די אָפיצירן, ווייל זיי זיינען שטענדיק, יעדן טאָג, געווען אויסגעשטעלט צו זיינע שי־קאַנעס. אויף דעם אופן איז ביסלעכווייז אנטשטאַנען א דיקע, אומדורכדרינגלעכע וואנט צווישן דעם קאָמאנדאנט מיט זיין ערשטן פעלדפעבל און אלע אנדערע באוווי־נער אינעם לאגער. עס ווייזט, אַגב, אויס, אז אינעם קריגסמיניסטעריום גופא איז מען נישט געווען שטאַרק צופרידן דערפון, וואָס די מעשה מיט אימפערן איז אזוי שטאַרק צעפּויקט געוואָרן און אפילו דערגאנגען צו אן עפנטלעכן מישפּט. דער אַלטער קאָמאנדאנט האָט געהאט אינעם קריגסמיניסטעריום אייניקע גוטע פריינט, וועמען ס׳האָט זיך אויסגעוויזן אומווירדיק, אז אזא מאָראליש־נידעריקער נפש ווי טרינמאן זאָל דאָס זיין יענער, וועלכער דערנידעריקט און פארמיאוסט די אלטע פּאַרוואַלטונג פונעם לאַגער. וואָלט דער נייער קאָמאנדאנט נישט געווען אזא מורהדיק טעמפּער מענטש, וואָלט ער קיינמאָל נישט געווען דערלאָזט, אז די זאך זאָל דערגיין אַזוי ווייט, און וועלכע האָט, אגב, אויך אים גופא געמוזט אַרויסשטעלן אין א נישט גאָר גוטן ליכט.

דעם 20טן סעפּטעמבער האָב איך פון מילין באקומען א בריוו, אין וועלכן זי האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז איר פאָל וועט אין אייניקע טעג אַרום ווידער באַהאַנדלט ווערן דורכן „אַדווייזאָרי קאָמיטע״. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיך באזוכט אירע ביידע שוועסטער, פּאָלי און ראָזע, און מיר געבערענגט די ידיעה, אז מילי האָט זיך שוין צוגעשטעלט צום „אַדווייזאָרי קאָמיטע״. ראָזע האָט אפילו געהאט די געלעגנ־הייט זי צו זען און צו רעדן מיט איר אין דער געביידע פונעם פּארלאמענט. דער רעזולטאט פון דער פארהאנדלונג איז אינדעראמתן געווען אן איבערראַשנדיקער. דער פּאָרזיצער האָט געפרעגט מילין, צי זי וויל טאַקע באמת פּאָרן קיין רוסלאַנד. ווען זי האָט געענטפערט, אַז יאָ, האָט ער איר דערקלערט, אז אין דעם פאָל האָלט עס פאַר זיין פליכט זי אויפמערקזאם צו מאכן אויף דעם, אז די לאגע אין רוסלאנד איז איצט אַן אויסערגעוויינלעך שלעכטע און אומגינציקע. מילי האָט געענטפערט, אַז די דאָרטיקע לאגע קאָן זי נישט אָפּהאלטן פון צו פּאָרן, אָבער זי מוז אויך פאר־לאַנגען, אז מ׳זאָל אויך מיר און אונדזערע ביידע זין געבן די דערלויבעניש צו קאָנען מיטפּאָרן מיט איר.

דער פּאָרזיצער האָט איר העפלעך דערקלערט, אז דאָס איז, צום באדויערן,

נישט לייכט דורכצופירן, ווייל איך בין דאָך אַ דייטש און רוסלאַנד איז אין קריג מיט דייטשלאַנד. אויף דעם האָט אים מילי דערקלערט, אַז מ׳וועט מיר זיכער נישט מאַכן קיין שוועריקייטן אין רוסלאַנד פאַר מיין אריינפאָר דאָרט אהין, ווייל מיין נאָמען איז דאָרט גוט באַקאַנט.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג מיט זיינע קאָלעגן האָט דער פאָרזיצער דערקלערט:

— אָבער אייער עלטערער זון איז דאָך אין עלטער פון מיליטערדינסט און איר מוזט דאָך פאַרשטיין, פרוי ראָקער, אַז מיר קאָנען אים נישט שיקן קיין רוסלאַנד.

— איך פאַרשטיי עס טאַקע נישט, — האָט מילי געזאָגט רואיק. — איך פיל זיך פיל מער באַרעכטיקט צו שטעלן דידאָזיקע פאָדערונג. זינט פופצן חדשים האַלט איר מיך אין תפיסה אָן אַ פּראָצעס. פאַרוואָס באַהאַנדלט איר מיך אַנדערש ווי איר האָט באַהאַנדלט מיינע חברים שאַפּירא, לינדער און לענאַבל? ס׳איז דעריבער נישט מער ווי רעכט, אַז מ׳זאָל אונדז אַלעמען געבן די דערלויבעניש צו פאָרן קיין רוסלאַנד. הגם מ׳האָט גוט געוווּסט, וואָס פאַראַ איבערצייגונגען איך האָב, האָט מען מיך גע־האַלטן צוזאַמען מיט פרויען, מיט וועלכע איך האָב נישט קיין שום גייסטיקע שייכות. דערמיט וויל איך נישט זאָגן, אַז איך קלאָג זיך צוליב עפּעס קעגן מיינע מיטגעפאַנ־גענע. אָבער צווישן זיי זיינען אויך געווען פּראָסטיטוטקעס, וועלכעס זיינען געווען אָנגעשטעקט מיט שרעקלעכע קראַנקייטן און מיר זיינען געווען געצוווּנגען צו נוצן דאָס נעמלעכע געשיר, טואַלעט, באַדצימער א. ד. גל.

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע אַביסל צעטומלט און אומבאַהאָלפן. ס׳איז זיי, ווייזט־אויס, געווען אומאַנגענעם צו הערן רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן.

— אָבער איר׳ טרייבט מ׳סתמא אַביסל איבער, פרוי ראָקער, — האָט דער פאָר־זיצער אַ זאָג־געטאָן, ווי וועלנדיק דערמיט פאַרווישן דעם פּיינלעכן איינדרוק.

— איך טרייב נישט איבער, — האָט מילי געזאָגט רואיק. — אויב עס זאָל אייך גיין אין דעם צו וועלן אויסגעפינען דעם אמת, בין איך שטענדיק גרייט אייך צוצושטעלן די באַווייזן. אגב האָב איך דאָ וועגן אָט־די פאַרדריסלעכע זאַכן נאָר דערפאַר גערעדט, אַז ס׳זאָל מיר קיינער נישט קאָנען זאָגן, אַז איך האָב געשוויגן, ווען איך בין געשטאַנען פאַר אייך.

— איר זיינט, בכן, בדעה, צו רעדן וועגן דידאָזיקע זאַכן, ווען איר וועט זיין פריי? — האָט דער פאָרזיצער געפרעגט.

— זיכער, — האָט מילי געענטפערט אַנטשלאָסן. — ס׳איז פאַראַן אַ באַליידיקונג פון דער מענטשלעכער חשיבות, וועלכע מ׳קאָן נישט פאַרגעסן. און ווען עס איז וועל איך דאָך ווידער זיין פריי.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָט דער פאָרזיצער זיך געווענדט צו איר:

— מיר זיינען אינדעראמתן נישט אימשטאַנד צו רעקאָמענדירן דעם אַרויספאָר פון אייער עלטערן זון, פרוי ראָקער.

— אויב אַזוי, גיט־זשע מיר די געלעגנהייט צו קאָנען רעדן מיט מיין מאַן, ביכדי איך זאָל זיך מיט אים קאָנען דורכשמועסן וועגן דעם, — האָט מילי גע־ענטפערט.

די מיטגלידער פונעם קאָמיטעט האָבן ווידער צונויפגערוקט נענטער זייערע קעפּ און נאָך א ווײַלע האָט דער פּאָרזיצער דערקלערט מילין, אז דער קאָמיטעט האָט באשלאָסן צו באפרידיקן איר פארלאנג און באַשטימט דעם טאָג פון אונדזער צונויפטרעף אויפן 4טן אָקטאָבער. דערמיט איז די פארהאנדלונג געווען געענדיקט און מילי איז צוריקגעפירט געוואָרן קיין איילסבורי.

דידאָזיקע ידיעה איז געקומען פאר מיר אינגאנצן אומגעריכט. ס'איז מיר אָנגעקומען שווער צו גלייבן, אַז איך וועל אין עטלעכע וואָכן אַרום ווידער זיך קאָנען זען מיט מיין מוטיקער לעבנס־באגלייטערן. א שטאַרקע פרייד האָט מיך אַרומגעכאפּט. ס'איז פאר מיר אפילו נישט געווען גאנץ קלאָר, וואָס מ'איז אויסן מיט אָט־דעם צונויפטרעף, אָבער דאָס איז מיך לגמרי נישט אָנגעגאנגען, אבי מיר זאָלן זיך קאָנען זען.

יוען ס'איז לסוף אָנגעקומען דער 4טער אָקטאָבער, בין איך שוין גאנץ פרי געווען אויף די פיס. די גאנצע נאכט האָב איך כימעט נישט געקאָנט צומאכן קיין אויג. מיינע נערוון זיינען געווען געשפּאנט ווי אַ בויגן. ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די צייט ציט זיך אָן אָן אויפהער. איך האָב פארשטאַנען, אז פאר 10 אזייגער איז שווער, מ'זאָל מיך קומען רופן, אָבער ס'איז אַריבער דער גאנצער פארמיטיק און מ'האָט נאָך מיר נישט געשיקט. איך בין אַרומגעכאפּט געוואָרן פון א שטאַרקן אומרו און זיך נישט געקאָנט געפינען קיין פּלאַץ. איך האָב זיך געוואָלט טרייסטן, אז אפשר האלט די „אדוויזאָרי קאָמיטעט" אָפּ די זיצונגען נאָכמיטיק און נישט געוואָלט אויפגעבן די האָפענונג, אז מ'וועט קומען נאָך מיר. אָבער אויך דער נאָכמיטיק איז אַריבער און מ'איז נאָך מיר נישט געקומען. עס האָט מיך אַרומגענומען א שטאַרקע פארביטערונג. איך האָב געטראכט וועגן מילין, ווייל איך האָב זיך געקאָנט פאָרשטעלן, וואָס פארא עגמת־נפש דערדאָזיקער טאָג האָט איר געמוזט פארשאפן. איך האָב זיך געמוזט אָנטאָן א כוח, כדי זיך צו באהערשן. מער ווי אַלץ האָט מיך געפּייניקט דער געדאנק, אז מ'האָט זי אפשר באשטראָפט פאר איר דרייסטער און אָפנהארציקער האלטונג פארן קאָמיטעט. אמת, דער שכל־הישר מיינער האָט נישט געוואָלט איינגיין אויף דעם, אָבער די טרויעריקע דערפאַרונגען פון די לעצטע יאָרן האָבן שטאַרק צעטרייסלט מיין אָפּטימיזם אין דער רעכטפארטיקייט פון די מענטשן. אין יענער צייט, אַ צעפּאָרענע און צעפּרעסענע פון ווילדע ליידנשאפטן, איז אלעס מעגלעך געווען.

אזוי זיינען פארביי אכט צער־פולע טעג, בעת וועלכע איך האָב גאָרנישט געהערט וועגן גאנצן עיגין. ערשט דעם 12טן אָקטאָבער האָב איך באקומען א בריוו פון מילין, וועלכער האָט געהאט די דאטע פון 8טן. פון איר בריוו איז געווען ארויסצוזען, ווי שווער ס'האָט אויף איר געווירקט דידאָזיקע אָפּנארעניש. „מיר ווייזט זיך כימעט אויס, ווי איך וואָלט געווען אַ פאַרברעכער", האָט זי געשריבן, „וואָס איך האָב אין דיר דערוועקט דידאָזיקע האָפענונג. אָבער ווי האָט געקאָנט אויפקומען אין מיין מחשבה צו צווייפלען אינעם וואָרט פון מענטשן, וועלכע פארנעמען אזא הויכע און אחריותפולע שטעלע? קאָן זיין, אז דידאָזיקע לייט האלטן, אז זיי האָבן לגבי

אונדז נישט קיין שום פּאַרפּליכטונגען. און פונדעסטוועגן האָב איך ביז איצט גע־גלייבט, אַז אַ געגעבן וואָרט איז הייליק, אַלציינס, צי מ׳גיט עס אַ קעניג אָדער אַ בעטלער. אָבער מיר זיינען דאָך נישט קיין בעטלער, נייערט קעגנער פון די הערשנ־דיקע צושטאַנדן, וועלכע קעמפן מיט אַן אָפּגעדעקט פּנים („צו געוויסנהאַפּטיק״, ווי איינער פון דידאָזיקע לייט האָט מיר אנומלטן געזאָגט), און דאָס איז, קענטיק, אין אונדזער צייט אַ פאַרברעך״.

אָבער וואָס מיך האָט צום מייסטן איבערגעראַשט איז געווען דאָס, וואָס צו־אָט־דעם בריוו איז געווען צוגעלייגט אַ צעטעלע פון דער העכסטער שעפאַטור פון דער צענזור, אין וועלכן ס׳האָט זיך געזאָגט: „פרוי ראָקער איז הפּנים אַריינגעפאַלן אין אַ טעות. איר צונויפטרעף מיט ראָקערן פאַר דער „אַדוויזאָרי קאָמיטע״ קומט־פאַר ערשט דעם 17טן אָקטאָבער״. איך האָב אָט־די איינזעעניש קוים געקאָנט באַ־גרייפן און זיך געוואונדערט, וואָס דער צענזאָר האָט אינגאַנצן דורכגעלאָזט דידאָזיקע ביטערע שורות מילים. צי ס׳האָט זיך ביי אָט־דער אַנגעלעגנהייט טאַקע געהאַנדלט וועגן אַ טעות אַז ער מיליס צאַרנדיקע ווערטער האָבן אַנגערירט דאָס געוויסן פון דידאָזיקע לייט, דאָס איז געווען שווער צו באַשטימען. אָבער דאָס איז מיך ווייניק אָנגעגאַנגען. די הויפּטזאַך איז געווען, אַז דאָ איז געשטאַנען דער טאָג און די דאַטע פון אונדזער צונויפטרעף; איצט האָב איך שוין נישט געצווייפלט אין דעם.

דער 17טער אָקטאָבער איז געווען אַ מיאוסער, אומעטיקער הערבסטיקער טאָג. ס׳האָט געהאַט גערעגנט אַ גאַנצע נאַכט און ס׳האָט נאָך אויך איצט געגאָסן אַ שלאַקס־רעגן. אַ פערטל שעה פאַר 10 אזייגער איז געקומען אַ דעטעקטיוו, כדי מיך צו נעמען מיט זיך. מיר האָבן גענומען אַן אָמניבוס, וועלכער האָט אונדז צוגעפירט ביז צו דער געביידע פונעם פּאַרלאַמענט. נאָכן אָנקומען אין פּאַרלאַמענט, בין איך אוועק־געפירט געוואָרן צום סעקרעטאַר פונעם פּאַרלאַמענט, ה׳ בראָדריק, וועלכער האָט מיך העפלעך באַגריסט און מיך אָפּגעפירט אין אַ וואַרטצימער. איך האָב אים געפרעגט, צי מיין פרוי איז שוין דאָ. ער האָט מיר געענטפערט, אַז נאָך נישט, אָבער אַז מען דערוואַרט זי צו יעדן מאָמענט.

איך האָב זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שטול נעבן פענצטער און האָב אַרויסגעקוקט אינעם טריבן, רעגנדיקן דרויסן. מיט אַ פערטל שעה שפּעטער בערך האָט זיך גע־עפנט די טיר און אַ דאַמע איז אריינגעקומען אינעם צימער. תיכף נאָך איר איז אַריינגעקומען מילי. מיר זיינען זיך אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס, אָבער אונדזערע ליפּן זיינען געבליבן שטום. איך האָב בלויז געזען אירע גרויסע טונקעלע אויגן אָנגע־שטעלט אויף מיר און געפילט דעם טיפן בליק, פול מיט טרערן, וועלכער האָט מיר געזאָגט מער ווי רייד קאָנען זאָגן. מר. בראָדריק האָט געגעבן אַ שטומען ווונק צו אונדזערע ביידע באַגלייטער און זיי זיינען שטילערהייט אַרויס פונעם צימער. אַזוי זיינען מיר געבליבן אינגאַנצן אַליין צווישן זיך, ביז די צונג האָט זיך ביסלעכוויז אויפגעבונדן און מיר האָבן געקאָנט רעדן וועגן אונדזער נייער לאַגע.

מילי האָט געהאַלטן, אַז מ׳וועט אונדז מיסתמא יאָ דערלויבן אַרויסצופאָרן קיין רוסלאַנד, אָבער שטאַרק געצווייפלט, צי מ׳וועט אונדזער עלטערן זון לאָזן מיט־

פאָרן מיט אונדז. איך האָב שוין מיט רודאָלפן געהאט גערעדט וועגן דעם און ער איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז מיר זאָלן צוליב אים נישט פארלירן די אָנגעבאָטענע געלעגנהייט. ווייל וואָס אים האָט צום מייסט אינטערעסירט, איז געווען דער אומ־שטאַנד, אַז מיר זאָלן אַרויס אויף דער פריי. רודאָלף איז געווען אַן אויסגעצייכנטער בחור. ער איז געווען יונג, פול מיט ענערגיע און זיכער, אַז ער וועט לייכט איבער־קומען די געפאנגענשאפט ביז צום סוף. וועגן אים דאַרפן מיר זיך נישט זאָרגן. האָבן מיר דעריבער אָפּגעמאכט צווישן זיך, אַז אויב ס׳וועט נישט זיין מעגלעך אנדערש, זאָלן מיר איינגיין צו פאָרן אָן אים.

אין אַ שעה אַרום בערך איז מר. בראָדריק ווידער אַריינגעקומען אין צימער און געזאָגט צו מילין, אַז דער קאָמיטעט איז גרייט זי אויפצונעמען. דער פאָרזיצער האָט זי באגריסט מיט אָט־די ווערטער:

— נו, פרוי ראָקער, זיינט איר נאָך אַלץ אנטשלאָסן צו פאָרן קיין רוסלאַנד?

— גאַנץ באַשטימט! — האָט מילי געענטפערט, — בתנאי, נאַטירלעך, אַז מיין מאַן זאָל קאָנען מיטפאָרן מיט מיר.

— אוודאי! — האָט דער פאָרזיצער מסכים געווען מיט איר. — אָבער די קאָ־מיסיע קאָן נישט פועלן ביי זיך פאָרצולייגן די דערלויבעניש פארן אַרויספאָר פון אייער עלטערן זון. אגב, מאַך איך אייך אויפמערקזאם אויף דעם, אַז מיר צווינגען אייך נישט צו פארלאָזן ענגלאַנד.

ווען מילי האָט אויף דעם נישט רעאַגירט, האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט:

— איר פאַרשטייט, פרוי ראָקער, מיר צווינגען אייך נישט צו פאָרן קיין רוס־לאַנד.

— איך פארשטיי, — האָט מילי אַ זאָג־געטאָן.

נאָכדעם האָט דער פאָרזיצער געפרעגט, צי מיר האָבן אַ ווױנונג אין לאָנדאָן. מילי האָט געענטפערט אז יאָ, און האָט אונטערגעשטראָכן, אַז פאר אונדז איז בעיקר וויכטיק אונדזער ביבליאָטעק און אייניקע קלייניקייטן. דער פאָרזיצער האָט איר דערקלערט, אז ביי די היינטיקע אומשטענדן קאָן דאָך נישט זיין קיין רייד וועגן מיטפירן מיט זיך דידאָזיקע זאכן און ער האָט געמיינט, אז דאָס בעסטע וואָלט גע־ווען, אז זי זאָל זיך דורכשמועסן מיט מיר וועגן דעם. דערמיט האָט זיך דער פאָר־הער געענדיקט און מילי האָט זיך אומגעקערט צו מיר אין צימער. באלד דערנאָך האָב איך אַליין זיך געדארפט פרעזענטירן פארן קאָמיטעט.

איך בין אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ זאַל, אין וועלכן ס׳זיינען געזעסן זיבן פערזאָן אַרום א גרויסן קיילעכיקן טיש. דער פאָרזיצער, אַן אינטעליגענט־אויסזעענ־דיקער מענטש, האָט מיך העפלעך געבעטן זיך צו זעצן. אַלע אַרום טיש האָבן מיך אויפמערקזאם באטראכט.

— איר זיינט, הייסט עס, געניגט צו פאָרן קיין רוסלאַנד, הער ראָקער? — האָט מיך דער פאָרזיצער געפרעגט.

— אויב מ׳וועט מיר געבן די מעגלעכקייט פאר דעם, גאנץ באשטימט, — האָב איך געענטפערט.

— האָט איר פריינט אין רוסלאַנד? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— יאָ, אַ גאַנץ גרויסע צאָל, — איז געווען מיין תשובה.

— לויט ווי מיר איז באַקאַנט, זיינט איר אַ נאָענטער פריינט מיטן פירשט קראָ־פּאָטקין, — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, מיר קענען זיך בערך אַרום צוואַנציק יאָר, — האָב איך געענטפערט.

— אייער פרוי האָט מיט אונדז גערעדט וועגן אייער ביבליאָטעק, — האָט ער ווייטער גערעדט. — איז פאַרשטייט דאָך אַליין זייער גוט, אַז איר קענט איצט די־דאָזיקע זאַכן נישט מיטנעמען.

— איך בין דאָס אויך נישט אויסן צו טאָן, — האָב איך זיך אָנגערופן. — אָבער ווען מ'זאָל אונדז געבן די מעגלעכקייט אהיימצוגיין אויף איינעם אָדער צוויי טעג, וואָלטן מיר אָט־די זאַך לייכט געקאָנט באַזאָרגן.

— איך גלייב נישט, אַז מ'זאָל אייך אין דעם פּרט מאַכן שוועריקייטן, — האָט ער זיך אויסגעדריקט. — אגב האָט די „אַדוויזאָרי קאָמיטע״ באַשלאָסן אייער ע־נין צו באַטראַכטן ווי אַן אויסנאַמלעכן און פּאַרצולייגן, אַז מ'זאָל אייך דערלויבן צו באַגלייטן אייער פרוי און אייער קליינעם זון אויף דער רייזע קיין רוסלאַנד, ביתנאַי אויב די רוסישע רעגירונג איז גרייט אייך אויפצונעמען.

דערמיט איז מיין אויפנעם פאַרן קאָמיטעט געווען פאַרענדיקט. ווען איך בין צוריקגעקומען צו מילין, האָב איך דאָרט געטראָפן איר יינגערע שוועסטער און אונדזער אַלטע פריינדן מיליע זאַבעלינסקי, וועלכע האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אונדזער קליינעם זון. קאָן מען זיך שוין פאַרשטעלן אונדזער פרייד. באַזונדערס גרויס איז געווען די פרייד פונעם יאַטל, וועלכער האָט גאָרנישט געקאָנט קומען צו זיך און איז געשפּרונגען אָט צו מיר און אָט צו דער מוטער.

נאָך אַ שעה צייט בערך איז ווידער אַריינגעקומען צו אונדז מר. בראָדריק און אונדז דערקלערט, אַז מ'האָט פאַר מילין און פאַר מיר צוגעגרייט אַ מאָלצייט. מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט פון אונדזער קינד און פון די ליבע פריינט און אַוועק מיטן סעקרעטאַר אינעם רעסטאָראַן פונעם פּאַרלאַמענט, וווּ ס'איז שוין געווען צוגע־גרייט פאַר אונדז אַ קליין טישל. נאָך די ביטערע דערפאַרונגען פון די לעצטע יאָרן איז אונדז די־דאָזיקע אויפמערקזאַמקייט געווען אַ גאַנץ היפּשער חידוש. ווי אַ גע־פאַנגענער האָט מען זיך אין יענער שווערער צייט שוין אפילו נישט געריכט בהאנדלט צו ווערן ווי אַ מענטש.

נאָכן עסן האָט מען אונדז ווידער איבערגעלאָזט אַליין. מיר זיינען געבליבן צוזאַ־מען ביז 5 אַזייגער נאָכמיטיק און זיך געקאָנט אַראָפּרעדן אַלץ, וואָס מיר האָבן געהאַט אויפן האַרץ. דער געדאַנק, אַז אָט־באַלד פאַרענדיקט זיך אונדזער געפאַנ־גענשאַפט האָט אונדז אָנגעפילט מיט טיפער פרייד. ווען ס'איז לסוף געקומען די שעה פון געזעגענען זיך, האָבן מיר זיך אַרומגענומען מיט אַ פריילעכן געמיט, ווייל מיר זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אַז אונדזער צעשיידונג וועט שוין נישט דויערן לאַנג. ווען האָט דעמאָלסט געקאָנט איינפאַלן, אַז ס'וועט ווידער אַריבער אַ גאַנץ יאָר, ביז מיר וועלן זיך ווידער צונויפטרעפן.

ביי א גאָס רעגן בין איך מיט מיין באגלייטער אוועק פון פארלאמענט צוריק אין לאַגער אַריין. דאָס וועטער איז געווען שטאַרק פאסקודנע, אָבער אין מיין האַרץ איז געווען פרילינג; אלעס האָט אין מיר געטאַנצט פאר פרייד און די שימחה האָט פארפלייצט מיינע אלע געדאנקען.

אין לאַגער האָט מען שוין געוואַרט אויף מיר מיט אומגעדולדיקייט. באלד איז די ידיעה פארשפרייט געוואָרן אין אלע דריי באטאליאָנען; יעדער איינער האָט מיר פארגונען מיין גליק, אָבער דער געדאַנק מיך צו פארלירן האָט אַלע געמאכט טרויעריק, און אויך מיר איז געוואָרן שווער אויפן געמיט, ווען איך האָב געטראכט וועגן דעם, אין וואָס פארא באדינגונגען מיינע חברים בצרה פארבלייבן אין לאַגער.

צומאָרגנס זיינען מיך באפאלן די אָפיצירן, כדי געוויר צו ווערן גענויערע פרטים פון מיר. די „גלאָוב", א בלאט, וועלכעס איז שטאַרק געלייענט געוואָרן אין מיליטערישע קרייזן, האָט אין יענעם פרימאָרגן געבראכט א קורצע ידיעה וועגן אונדזער דערשיינען פאר דער „אַדווייזאָרי קאָמיטע" מיט דער סענסאציאָנעלער איבערשריפט: „הער רודאָלף ראָקער, דער אַנגעזעענסטער מאַן אין אַלעקסאנדרא פעלעס, פאָרט קיין רוסלאַנד", און פון דאָרט האָבן זיך די ענגלישע באאמטע פונעם לאגער דערוווּסט וועגן אונדזער ענין.

באַלד דערנאָך האָט מיך אויפגעזוכט דער לייטענאַנט מאַרטין ביכדי מיט מיר צו רעדן וועגן אַ פּאַסירונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער צייט, ווען איך בין נישט געווען אין לאַגער. קאַרל האָט מיר שוין געהאַט דערציילט וועגן דעם באלד ווי איך בין אָנגעקומען, אזוי אַז איך בין שוין געווען אינפאָרמירט. ווען דער מאַיאָר מאָט האָט נעכטן דורכגעפירט די אינספעקציע אָנשטאָט דעם קאָמאנדאנט און איז צוזאַמען מיטן פעלדפעבל טרינמאן אריינגעקומען אינעם באטאליאָן, האָט זיך פלוצים דערהערט א הויכער פייף, אויף וועלכן מ'האָט תיכף אָפּגעענטפערט פון אלע זייטן. טרינמאַן, וועלכער האָט באלד דערקענט, אז אָט־די דעמאָנסטראציע איז געווענדט קעגן אים, האָט קוים געקאָנט באהאלטן זיין צאָרן און אַ זאָג־געטאָן צום מאַיאָר:

„דאָ זעט מען, אז ראָקער איז נישט אימשטאַנד צו האַלטן אין אָרדענונג זיין באטאַליאָן".

ווען דער לייטענאנט האָט מיר איצט איבערגעגעבן פרטים וועגן דעמדאָזיקן אינצידענט, האָב איך אים אָן דריידלעך דערקלערט, אז איך מוז אָפּוואַרפן יעדע אחריות פאר דעם, ווייל דורך זיינע באשיימפערלעכע אינטריגעס קעגן דער אינערלעכער פאַרוואַלטונג פונעם לאַגער, האָט טרינמאַן אַליין דאָ אונטערגעגראָבן יעדע נאַטירלעכע דיסציפלין, אַזוי אַז ס'איז באמת אַ חידוש, וואָס ס'איז נאָך ביז איצט נישט געקומען צו קיין ערגערס. מאַרטין איז געווען איינער פון די עלטסטע אָפיצירן אין לאגער און ער האָט דעריבער געוווּסט, אז אזעלכע זאַכן זיינען פריער נישט פאָרגעקומען. ער האָט זיך דעריבער אָנגעבאָטן צו רעדן מיטן פעלדפעבל און מיך געבעטן, צו טאָן דאָס מעגלעכסטע, ביכדי אָפּצוהאַלטן די געפאנגענע פון אַזעלכע אַרויסטרעטונגען.

זינט מ'האָט טרינמאַנען אויסגעפייפט, האָט ער אינגאנצן פארלוירן דעם קאָנ־

טראָל איבער זיך. ער איז אַרומגעלאָפן ווי אַ צערייצטע חיה און נישט געוווסט, אויף וועמען אויסצולאָזן זיין גרימצאָרן. אָן ספק, אז מאַרטין האָט אים צו וויסן געגעבן וועגן אונדזער שמועס, און דאָס האָט אים מיסתמא נאָך מער אויפגעטראָגן קעגן מיר. ביי אזעלכע אומשטענדן איז אויך גענצלעך פארשווונדן ביי אים דאָס קלוגע איינ־האלטן זיך, וואָס האָט אונדז ביז איצט נישט געגעבן קיין געלעגנהייט ארויסצוטרעטן קעגן אים מיט א קאָנקרעטער באשולדיקונג. אזוי אַרום איז טאַקע געקומען דאָס, וואָס ס'האָט געמוזט קומען. דעם 20טן אָקטאָבער — ס'איז געווען אַ־ן אַ שבתדיקן טאָג און באלד נאָך די וויזיטן — האָט זיך מיטאַמאָל פארשפרייט אינעם לאגער די ידיעה, אז טרינמאן האָט שטאַרק צעשלאָגן איינעם פון אונדזערע מיטגעפאנגענע אינעם באטאַליאָן „סי", א געוויסן מילער, און דערנאָך אים מיט דער הילף פון א וועלנער פארשפארט אין אַ קעמערל. די ידיעה איז אַריינגעפאלן אינעם לאגער ווי אַ באָמבע. איך האָב מיינע מיטגעפאנגענע פריער קיינמאָל נישט געזען אין אַזאַ אויפ־גערעגטן צושטאַנד ווי דאָס איצטיקע מאָל. אלע האָבן געשריגן, געוואלדעוועט, גע־טומלט ווי אין אַ משוגעים־הויז.

ווען ס'איז געקומען די צייט פון דער ציילונג, האָבן די באטאַליאָנען „בי" און „סי" זיך אָפגעזאָגט צו פאָלגן און מ'האָט בשום אופן נישט געקאָנט פועלן ביי זיי, אַז זיי זאָלן זיך אויסשטעלן אין דער ריי, ווי תמיד. אזוי ווי מילער האָט באלאנגט צום באטאַליאָן „סי", איז דער פירער פון אָט־דעם באַטאַליאָן, פאָפּע, תיכף אַוועק צום קאָמאנדאנט, וועלכן מ'האָט אָבער, ווי שטענדיק אין קריטישע מאָמענטן, נישט געקאָנט געפינען אינערגעץ. פאָפּע האָט זיך דעריבער געווענדט צום מאַיאָר מאָט און אים דערקלערט, אז בלויז איין מיטל איז פאַראַן צו איינשטילן די געפאַנגענע,— תיכף אומקערן מילערן צום באַטאַליאָן. אַן אָפיציר, וועלכער איז געווען אַן עדות פון דער פאַסירונג, האָט מיט שטאַרקע ווערטער אַרויסגעבראַכט צום אויסדרוק זיין פארדרוס צוליב טרינמאנס ברוטאַליטעט, און דער מאיאָר האָט אפילו קיין איין אויגנבליק זיך נישט געקווענקלט און תיכף געהייסן אַרויסלאָזן מילערן פונעם קעמערל. ערשט דעמאָלסט האָבן די געפאנגענע מסכים געווען זיך אויסצושטעלן צו דער ציילונג.

נאָך דער ציילונג בין איך תיכף אַוועק צו פאָפּען, ביכדי געוויר ווערן גענוי־ערע פרטים וועגן דער פאַסירונג. פאָפּע האָט תיכף געלאָזט רופן מילערן און ער האָט מיר דערציילט אַלעס, וואָס איז פאָרגעקומען. נאָכמיטיק איז צו מילערן געקומען צו גאסט זיין פרוי. ער איז געשטאַנען מיט איר ביים אַריינגאַנג אינעם מיזרחדיקן „האָל", ווען ס'האָט זיך געהערט דער סיגנאל וועגן סוף פון די וויזיטן. דער רוב געפאנגענע איז שוין געהאט אוועק, ווען מילער האָט זיך פונקט געזעגנט מיט זיין פרוי. מיטאַמאָל איז דער פעלדפעבל צוגעקומען צו דער פרוי און מיט גראָבע רייד זי אויפגעפאָדערט זיך אָפּצוטראָגן פון דאַנען. די פרוי האָט נישט רעאגירט מיט קיין איין וואָרט אויף אָט־דער גראָבער באליידיקונג און אויף גיך גענומען אוועקגיין. איצט האָט זיך טרינמאַן געווענדט צו מילערן און געשריגן צו אים: „גאָו אין, יו באַגער!" (בערך: אַריין אינעווייניק, דו פעדעראסט!).

מילער האָט נישט געוואָלט פאַרשווייגן דידאַזיקע באַליידיקונג און געפרעגט דעם גראַבן נפש, מיט וואָס פאַראַ רעכט ער באַליידיקט אים אַזוי. איז טרינמאַן געוואָרן מלא רציחה, אָנגעכאַפּט מילערן ביי די אַקסלען און מיט דער הילף פון אַ זעלנער האָט ער אים מיט סטוסאַקעס און בוכצעס אַריינגעוואָרפן אין אַ קעמערל. דאָרט האָט ער מיט אַ ווילדן גרימצאָרן אַראָפּגעריסן פון מילערן דאָס רעקל, וועלכעס ער האָט אַוועקגעשליידערט אין ווינקל, און אַרויסגעברומט: „אויב דו וועסט אַרויסזאָגן נאָך איין וואָרט, וועל איך דיך אַ שליידער־טאָן אין יענעם ווינקל ווי דיין רעקל!״

דער גראָביאַן האָט זיך דאָ פאַרקאַכט אַ מיאוסע קאַשע. ס׳איז איצט געווען געווענדט אין אונדז, צו פאַרשטיין ווי אַזוי אויסצונוצן די געלעגנהייט, ביכדי איין פאַר אַלעמאָל צו מאַכן אַ סוף צו דער געפערלעכער ראָל פון אָט־דעם נעבעכדיקן פאַרשוין. מיר האָבן נאָך דעמזעלביקן טאָג אָפּגעשיקט בריוו צו דער שוועדישער און שווייצאַרישער אַמבאַסאַדע, ביכדי זיי צו לאָזן וויסן וועגן דער פּאַסירונג; איך האָב אָבער תיכף פאַרשטאַנען, אַז אויך מיר מוזן עפּעס טאָן פון אונדזער זייט, כדי צו מאַכן אַ סוף צו טרינמאַנס שטיק אין לאַגער. ביז די צוויי אַמבאַסאַדעס וועלן אינטערווענירן ביי דער ענגלישער רעגירונג, קאָנען מיסתמא אַריבערגיין וואָכן. חוץ דעם בין איך געווען זיכער, אַז דער קאָמאַנדאַנט וועט אויספּרוּוון אַלץ, ביכדי צו ראַטעווען זיין פּראָטעזשירטן. האָבן מיר זיך אַליין געמוזט אַן עצה געבן, אויב מיר ווילן עפּעס דערגרייכן.

צומאָרגנס איז נישט פאָרגעקומען קיין אינספּעקציע, ווייל ס׳איז געווען זונטיק. די אויפרעגונג צווישן די געפאַנגענע האָט זיך געהאַט איינגעשטילט, ווייל טרינמאַן האָט זיך אינערגעץ נישט געוויזן. אָבער ס׳איז געווען פאַרויסצוזען, אַז ביי דער מאָנטיקדי־קער אינספּעקציע וועט דער פעלדפעבל ווידער באַגלייטן דעם קאָמאַנדאַנט צוזאַמען מיט זיין גאַנצן שטאַב. און צו דעם האָט נישט געטאָרט דערלאָזט ווערן. איך האָב זיך דעריבער צונויפגערעדט מיט די צוויי פירער פון די אַנדערע באַטאַליאָנען און זיי פאָרגעלייגט תיכף צו באַזוכן דעם קאָמאַנדאַנט און פון אים פאַרלאַנגען נישט מיטצונעמען טרינמאַנען צו דער אינספּעקציע. אויב ער זאָל אויף דעם נישט איינגיין, זאָלן מיר צוזאַמען מיט די קאַפּיטאַנען רענונסירן פון אונדזערע שטעלעס. פּאָפּע האָט תיכף איינגעשטימט; לוץ האָט זיך געקווענקלט, אָבער לסוף האָט אויך ער געמוזט איינגיין אויף דעם.

מיר זיינען אַלע דריי אוועק אינעם צימער פונעם קאָמאַנדאַנט, אָבער דאָרט געטראָפן בלויז דעם מאַיאָר מאָט און דעם לייטענאַנט מאַרטין. איך האָב זיך תיכף געווענדט צום מאַיאָר און אים אַ פרעג־געטאָן:

— וועט דער קאָמאַנדאַנט זיין צודרינגלעך אויף דעם, אַז דער פעלדפעבל טרינמאַן זאָל אים דווקא באַגלייטן ביי דער היינטיקער אינספּעקציע?

דער מאַיאָר איז געווען אַביסל איבערגעראַשט און געענטפערט מיט אַ קווענקלענדיקן טאָן:

— איך קאָן אייך וועגן דעם גאָרנישט זאָגן, ווייל איך האָב נאָך היינט נישט געזען דעם קאָמאנדאנט. אָבער טאָמער וועט ער יאָ באַשטיין אויף דעם?

— אין דעם פאַל, — האָב איך געענטפערט, — וועל איך דאָ אין נאָמען פון מיינע ביידע קאָלעגן, פון אַלע קאַפּיטאַנען און אין מיין אייגענעם נאָמען אָפּגעבן די דערקלערונג, אַז מיר זיינען געצוואונגען צו רעזיגנירן פון אונדזערע שטעלעס. ווייל אין שייכות מיט די פּאַסירונגען פון לעצטן שבת וואָלטן מיר זיך געמוזט אָפּזאָגן פון יעדער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, מחמת מ׳קאָן נישט פאַרלאַנגען פון די מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך פאַרהאַלטן רואיק ביים אָנבליק פון אַ פּאַרשוין, וועלכער האָט נישט קיין אָפּהאַלט אָנצוגרייפן איינעם פון אונדזערע מיטגעפאַנגענע.

מ׳האָט געקאָנט דערקענען אינעם מאַיאָרס פּנים, אַז ער פילט זיך געטראָפן פון מיין דערקלערונג. איך בין געווען איבערצייגט, אַז אינערלעך איז ער מסכים געווען מיט אונדזער האַלטונג, ווייל ער איז געווען אַ דזשענטלמאַן, וועלכער האָט נישט געקאָנט האָבן קיין שום סימפּאַטיע פאַר אַזאַ פאַרשוין ווי טרינמאַן. ער האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן פון יעדן קאָמענטאַר און בלויז געזאָגט, אַז ער וועט לאָזן וויסן דעם קאָמאנדאנט וועגן אונדזער דערקלערונג. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז יענעם טאָג איז לחלוטין נישט פאָרגעקומען קיין אינספּעקציע.

אָבער נאָכמיטיק האָט מען מילערן געשטעלט פאַר אַ קריגסגעריכט. מ׳איז, ווייזט־אויס, אויסן געווען אָפּצושרעקן אים. מיר, פון אונדזער זייט, האָבן באַווירקט מילערן, אַז ער זאָל זיך נישט לאָזן באאיינפלוסן נישט דורך קיין גוטע רייד און נישט דורך קיין סטראַשונקעס און אים צוגעזאָגט אונדזער פולשטענדיקע סאָלידאַריטעט. פּאָפּפּע, וועלכער האָט, ווי דער פירער פונעם באַטאַליאָן, געדאַרפט זיין אָנוועזנדיק ביים פּראָצעס, האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז מילער האָט זיך געהאַלטן אויסגע־צייכנט גוט. און הגם מ׳איז געווען שטרענג מיט אים און אים כסדר דערקלערט, אַז ער שטייט דאָ נישט פאַר אַ געריכט פון געשווירענע, נייערט פאַר אַ קריגסגעריכט, האָט ער זיך נישט געלאָזט אָפּשרעקן און געזאָגט וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן אָן מורא און אָן קווענקלעניש. דער פעלדפעבל האָט אַלעס געלייקנט און קאַלטבלוטיק דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו שווערן, אַז ער זאָגט אמת. און אפילו דעמאָלסט, ווען דער זעלנער, וועלכער האָט צוגעזען די גאַנצע סצענע, האָט באַשטעטיקט מילערס טענות אין אַלע פּרטים, אפילו דעמאָלסט האָט דער מיזעראַבלער פאַרשוין זיך גע־האַלטן ביי זיינע ליגנס און אַלעס געשטעלט אויף זיין שבועה. ווילנדיק צי נישט ווילנדיק איז דאָס געריכט געווען געצוואונגען מילערן צו באַפרייען. דערמיט איז טרינמאַנס גורל שוין געווען פאַרחתמעט, וואָרן אפילו דער קאָמאַנדאַנט האָט געמוזט איינזען, אַז ער קאָן אַט־דעם מענטשן מער נישט האַלטן נעבן זיך. ווי שווער דאָס איז אים אָנגעקומען, האָט מען געקאָנט אַרויסזען דערפון, וואָס צומאָרגנס האָט ער געשיקט רופן צו זיך פּאָפּפּען, לוצן און מיך, ביכדי פאַר אונדז צו האַלטן אַ מוסר־דרשה אין דער קעגנוואַרט פון מאַיאָר מאָט און לייטענאַנט מאַרטין. ער האָט אויף זיך אָנגעצויגן די שטרענגסטע מינע און אונדז לויט דער ריי נאָך באַטראַכט מיט שטראָפנדיקע בליקן. נאָכדעם האָט ער גערעדט מיט אַ שאַרפן פאַרדרוס וועגן דער

אומדערטרעגלעכער און אומדערלאָזבאַרער סיטואַציע אינעם לאגער און אונדז באַשולדיקט ווי ווידערשפּעניקער קעגן יעדן מין דיסציפּלין און ווי אָנפירער פון בונטאַרישע שטימונגען, פאַרוואָס מיר קאָנען ביי געוויסע אומשטענדן דאַרפן טייער באַצאָלן.

ביי אַזעלכע רייד האָט ביי מיר געפּלאַצט די גאַנצע געדולדיקייט מיינע און איך האָב אָן יעדער איינזעעניש איבערגעריסן די רעדע:

— אויב ס'איז פאַראַן אין לאַגער עמעצער, וועלכער האָט אונטערגעגראָבן יעדע נאַטירלעכע דיסציפּלין, — האָב איך אויסגערופן, — איז עס טרינמאַן. טרינמאַן האָט זיך פאַרבונדן מיטן אָפּפאַל פונעם גאַנצן לאַגער. ער האָט צונויפגענומען אַרום זיך די ערגסטע עלעמענטן, אמאָליקע פּרויענהענדלער, באַלעבאַטים פון בורדעלן און פון הייזער פון פאַרבאָטענע שפּילן, און מיט זייער הילף האָט ער אָנגעפירט די שענדלעכסטע אינטריגעס קעגן דער אינערלעכער פאַרוואַלטונג. זיין שענדלעכער סיסטעם פון שפּיאָנאַזש האָט פאַרוואַנדלט דאָס לעבן פון מיינע מיטגעפאַנגענע אין אַ גיהנום. ער איז אויסן געווען אונדז צו קאָנען באַהאַנדלען ווי געוויינלעכע פאַרברעכער; קאָן זיין, אַז דאָס איז אַזוי געווען דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַט זיינע באַקאַנטע נאָר אין יענעם קרייז. אונדזערע מיטגעפאַנגענע האָבן אונדז אויסגעקליבן, ווייל זיי האָבן צו אונדז געהאַט צוטרוי, און ווען זיי האָבן איינגעזען, ווי אַ באַנדע שפּיאָנען און מאָראַלישע אויסוואָרפן האָט אונטער טרינמאַנס אָנפירונג געטאָן אַלעס, וואָס נאָר זי האָט געקאָנט, כּדי אונטערצוגראָבן אונדזער איינפלוס, האָט שוין במילא געמוזט קומען דערצו, אַז זיי זאָלן זיך אַרויסשטעלן קעגן אַזאַ שענדלעכן מעטאָד. יעדער מענטש מיט זיינע געזונטע פינף חושים מוז איינזען, אַז טרינמאַן האָט אונטערגעגראָבן יעדן נאַטירלעכן סדר אינעם לאַגער. און ווען די־אָ בעסטיע אין מענטשנגעשטאַלט האָט נאָך געהאַט די העזה אָנצוגרייפן בפועל ממש איינעם פון אונדזערע מיטגעפאַנגענע און אויף אַ גראָבן אופן צו זידלען און באַליידיקן, דאַרף מען זיך נישט חידושן, ווען די לייט פאַרלירן לסוף די געדולד. שוין דאַכט זיך גענוג, וואָס מיר מוזן פאַרפּאַטערן אונדזער לעבן ווי אומשולדיקע געפאַנגענע, אָבער מיר וואָלטן געווען היינט, ווען מיר וואָלטן צוגעגעבן, אַז מ'מעג אונדז אויך פיזיש פאַרפּייניקן. ביים אַלטן קאָמאַנדאַנט זיינען אַזעלכע זאַכן קיינמאָל נישט פאָרגעקומען. אַזאַ מענטש ווי טרינמאַן טאָר זיך נישט געפינען אין אַ לאַגער פון ציווילע געפאַנגענע און מיר מוזן אָפּוואַרפן די אחריות פאַר זאַכן, וועלכע טרינמאַן אליין האָט פּראָוואָצירט.

איך האָב גערעדט מיט אַ היפּש ביסל טעמפּעראַמענט און איך האָב באַמערקט, ווי דער קאָמאַנדאַנט האָט כּסדר געביטן די קאָליר פון זיין פּנים, געוואָרן אמאָל רויט און אַמאָל בלאַס. ווען איך האָב באַצייכנט דעם פעלדפעבל ווי אַ בעסטיע, האָט ער זיך איינגאַנצן אַ טרייסל־געטאָן. אָבער מיר איז איצט געווען אַלציינס, — זאָל קומען וואָס־נישט־איז. זאָל זיך דער קאָמאַנדאַנט נישט איינרעדן, אַז איך וועל זיך בייגן פאַר אים אין דרייען.

נאָך מיר האָט גערעדט פּאָפּפּע, וועלכער האָט אויך גאָרנישט פאַרשוויגן און מיך פריי און אָפן אונטערגעשטיצט. דעמאָלסט ערשט האָט דער קאָמאַנדאַנט גענומען

אָנשטעלן א פריילעך פנים צום בייזן שפיל און אין מילדסטן און איבערבעטנדיקסטן טאָן, וואָס מ׳קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, האָט ער אונדז דערקלערט, אז ער האָט פון די אלע זאכן נישט געוואוסט און אַז זיין איינציקער באַגער איז איינצושטעלן אַ האַר־מאָניש לעבן מיט אונדז.

דערמיט איז דער ענין געווען דערליידיקט. מיר זיינען איצט געווען גאַנץ זיכער, אַז טרינמאַן וועט מוזן פארלאָזן דעם לאַגער. ס׳איז אויך פאַר יעדן פון אונדז געווען גאַנץ קלאָר, אַז מיט זיין אַוועקגיין וועט מוזן פאָרקומען אַ גרויסע ענדערונג. דער קאָמאנדאנט וועט דאָך מוזן פאַרשטיין, אַז ער האָט פארלוירן דעם שפיל קעגן אונדז און היות ווי אנטשלאָסנקייט באלאנגען נישט צו זיינע מעלות, האָבן מיר שוין מער נישט קיין מורא געהאט צו האָבן וועלכע ס׳איז שוועריקייטן פון זיין זייט. דאָס גרעסטע אומגליק איז געווען זיין אבסאָלוטע אומפעיקייט, וועלכע וועט אים פריער אָדער שפעטער מיסתמא ווידער באַוועגן זיך אויסצוזוכן א נייעם פראָטעזשירטן און זיך איבערענטפערן אין זיינע הענט. לעת־עתה אָבער איז דער ניצחון געווען אונדזע־רער. אין גאנצן לאגער האָט געהערשט ששון ושימחה און דעם פעלדפעבלס באשע־פענישן זיינען פארקראָכן אין זייערע לעכער ווי פארסמטע ווערים און פון דעמאָלסט אָן מער נישט געוואָגט אויפצוהייבן דעם קאָפּ.

אין משך פון דער גאנצער צייט האָט זיך דער פעלדפעבל אינערגעץ נישט געלאָזט זען און דעם 28טן אָקטאָבער האָט ער זיך לסוף אינגאנצן אָפּגעטראָגן. איך האָב גראד דעמאָלסט געהאט עפּעס צו טאָן אין ביוראָ פונעם שטאַב און אים דאָרט געזען זיצן אין אַ ווינקל. קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. ער האָט אויסגעזען אינגאַנצן דערשלאָגן, נאָר ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך געגעבן אַ טרייסל און זיך פארקרימט.

— אַ זעלטענער טאָג היינט! — האָט אַ זאָג־געטאָן צו מיר דער „טשיף קלוירק״ און מיר געגעבן א ווונק מיט די אויגן.

אין דרויסן האָט געגאָסן ווי מיט צעבערס. האָב ..ך פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט דערמיט, און געזאָגט צו אים גלייכגילטיק:

— יאָ, א שיינער טאָג.

דער „קלוירק״ האָט אָבער ווייטער געוואָלט אָנגיין מיטן שפיל און זיך אָנגע־רופן צו מיר:

— איר האָט, הייסט עס, באשלאָסן, הער ראָקער, נישט צו פאָרן אויף דער אינדזל „אייל אָף מען״?

מיר איז געווען דערווידער זיך צו רייצן און אים נאָך מער צו דערנידעריקן, הגם ער האָט נישט פאַרדינט, מ׳זאָל האָבן איינזעעניש מיט אים, און איך האָב קורץ געענטפערט:

— ניין, איך וועל מיסתמא באלד אָפּפאָרן קיין רוסלאַנד.

דערנאָך האָב איך אויף גיך דערליידיקט מיינע ענינים און בין צוריק אַוועק אין באטאַליאָן.

ווען איך בין דאָרטן אָנגעקומען, האָט מיר מיין סעקרעטאַר געזאָגט, אַז דער

צענזאָר, מר. מיניסטער, ווייל זיך זען מיט מיר. איך בין אַוועק צו אים און דאָרטן זיך אָנגעטראָפן מיט אַלע צענזאָרן פונעם לאַגער און עטלעכע אָפיצירן, וועלכע זיינען אַלע געזעסן אַרום א טיש און געטרונקען וויסקי. ווען איך בין אַריינגעקומען, האָבן אַלע געלאַכט אויפן הויכן קול און מיך באַגריסט מיט א ליאַרמענדיקער פרייד.

— איר זיינט דאָך אַלע אין אויסגעצייכנטער שטימונג, מיינע הערן, — האָב איך זיך צו זיי אָנגערופן .

— יאָ, — האָט מיניסטער געזאָגט, — מיר פייערן היינט אַ געבוירנטאָג און מיר מיינען, אַז איר וועט זיך נישט אָפּזאָגן אויך צו מאַכן א לחיים מיט אונדז.

— אוודאי, ווי דען! — האָב איך געענטפערט, — אָבער ווער איז דאָ דער בעל־השימחה, אויב איך מעג פרעגן?

— דער בעל־השימחה איז, צום באַדויערן, נישטאָ צווישן אונדז, ווייל ער גרייט זיך איצט צו פאַרלאָזן דאָסדאָזיקע גאַסטפריינטלעכע הויז, — האָט זיך מיניסטער אָנגערופן. — דעריבער ווילן מיר, ס'זאָל בלייבן א גוט געדעכעניש נאָך אים. לחיים, מיינע הערן!

אַלע האָבן פריילעך אויסגעליידיקט זייערע גלעזער. הייסט עס, אַז אויך דאָ איז געווען גרויס די פרייד, וואָס מ'איז ענדלעך פּטור געוואָרן פונעם פעלדפעבל.

דער קאָמאַנדאַנט אַליין איז פון איצט אָן געווען ווי אַן אַנדערער מענטש. ער איז שטענדיק געווען פול מיט פריינטלעכקייט און ער פלעגט מיר ביי יעדער אינס־פּעקציע מאַכן איבערגעטריבענע קאָמפּלימענטן. איך אַליין פלעג זיינע ליבוועראַטער פילן ווי אַ פּאַטש אין פּנים, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז דאָס קומט ביי אים נישט פונעם האַרץ. פון צייט צו צייט פלעגט ער מיך פרעגן, ווי ס'האַלט מיט מיין רייזע קיין רוסלאַנד. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ס'גייט אים אין לעבן פּטור צו ווערן פון מיר. אָבער אַזוי ווי איך אַליין האָב גאָרנישט געוווּסט וועגן גאַנצן עיניין, האָב איך אים נישט געקאָנט געבן קיין שום אינפאָרמאַציע.

ס'איז שוין געהאַט פאַרביי א חודש, ווי מ'האָט אונדז צוגעזאָגט צו לאָזן אַרויס־פאָרן קיין רוסלאַנד. באַלד נאָך אונדזער דערשיינען פאַר דער „אַדוויזאָרי קאָמיטע" האָבן מיינע פריינט געשיקט א טעלעגראַמע צו קראָפּאָטקינען, אַז ער זאָל דאָרט אויספּועלן, מ'זאָל צושיקן צו דער ענגלישער רעגירונג א ידיעה, אַז די רוסישע רעגירונג האָט גאָרנישט קעגן אונדזער אַריינפאָר; אָבער מיר האָבן פון דער גאַנצער זאַך גאָרנישט געהערט. ערשט דעם 27טן נאָוועמבער האָב איך באַקומען א בריוו פון מילין, אין וועלכן זי האָט מיר איבערגעגעבן, אַז זי האָט דערהאַלטן א בריוו פונעם אינערנמיניסטעריום, אין וועלכן מ'לאָזט איר וויסן, אַז דערווייל קאָן זי נישט באַ־פרייט ווערן פון דער אינטערנירונג. דאָס האָט מיסתמא געהאַט א שייכות מיט די לעצטע געשעענישן אין רוסלאַנד, ווו קערענסקיס רעגירונג איז אין אָקטאָבער אַראָפּ־געוואָרפן געוואָרן און די ממשלה איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די באָלשעוויקעס. מילי האָט טאַקע נאָך אַלץ געהאָפט און געגלייבט, אַז נאָך דעם ווי די נייע לאַגע וועט אביסל אויסגעלייטערט ווערן, וועט מען אונדז אפשר דאָך לאָזן אַרויספאָרן. אָבער ווען מיר זיינען אין דעצעמבער געוויר געוואָרן, אַז ס'איז צווישן רוסלאַנד און

דייטשלאַנד געקומען צו אַ וואַפנשטילשטאַנד, האָבן מיר שוין איינגעזען, אַז דערמיט איז פאַר אונדז פאַרלוירן געוואָרן יעדע האָפענונג.

אזוי אַרום איז ווידער אָנגעקומען דער ווייכאכט־יום־טוב, דער פערטער אין דער געפאנגענשאפט. אין לאגער האָט געהערשט א שווערע שטימונג. דאָס מאָל האָט שוין נישט געוואָלט אויפקומען קיין פרייד ביי קיינעם. אלע זיינען געווען האָפענונגסלאָז און אינערלעך דערשלאָגן. א שווערע מרה־שחורה האָט געהויערט אויף אלעמענס נשמה; מ׳האָט ביים רוב געקאָנט אראָפּלייענען פון די פּנימער ווי שטארק איינזאַם און פאַרלאָזן יעדער איינער האָט זיך געפילט. נאָך איין יאָר און דאָס דולהויז איז געווען פאַרטיק.

קורץ פאר ניי־יאָר זיינען אָנגעקומען צו אונדז איניקע געפאנגענע פון דער „איל אָף מען". פון זיי בין איך געוואויר געוואָרן וועגן טויט פון אונדזער חבר אָטטאָ שרייבער, וועלכער איז דאָרט געשטאָרבן פון א הארצשלאג. איך האָב געקענט שרייבערן זינט די לעצטע צוואנציק יאָר. אין פארלויף פון אָט־דער גאנצער צייט איז ער געווען אומדערמידלעך אַקטיוו פאר דער דייטשער באוועגונג אין לאָנדאָן און האָט געהאט גרויסע פארדינסטן ביים פארזאָרגן די חברים אין דייטשלאנד מיט פאַרבאָטענער ליטעראטור. און אָט־דעם מענטשן, וועלכער איז דאָס גאנצע לעבן זיינס געווען א הארטנעקיקער קעגנער פונעם מיליטאריזם און פונעם קייזערלעכן רעזשים אין דייטשלאנד, איז דאָס געווען באשערט אויסצוהויכן זיין נשמה, עלנט און פאַר־לאָזן, אין אַן אינטערניר־לאַגער, בעת די ענגלישע צייטונגען האָבן גערעדט וועגן אַ מילחמה פון דער דעמאָקראטיע קעגן פרייסישן מיליטאַריזם.

אין מיטן יאנואר האָט מיר מילי געשריבן, אַז ס׳איז איר פונעם אינערנמיניס־טעריום צוגעשיקט געוואָרן א נייער בריוו, אין וועלכן מ׳טוט איר צו וויסן, אַז עס וועט איר דערלויבט אַרויסצופאָרן קיין רוסלאַנד מיט איר קליינעם זון, אָבער פאַר מיר האָט מען אזא דערלויבעניש אָפּגעוואָרפן. איצט האָבן מיר לפּחות געוווסט, אויף וועלכער וועלט מיר געפינען זיך. מילי האָט זיך אָבער קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט אָן מיר צו פאַרלאָזן ענגלאַנד. ד. ה. אז פארן סוף פונעם קריג איז פאַר אונדז נישט פאראן קיין האָפענונג זיך אַרויסצורייסן פון דער געפאנגענשאפט. דעם 21טן יאנואר האָט דער ליבעראלער דעפּוטאט דזש. קינג אינטערפּעלירט אין פאַרלאַמענט דעם אינערנמיניסטער וועגן אונדזער פאַל און זיך ענערגיש אַרויסגעשטעלט פאַר מיליס באפרייונג. אָבער ער האָט גאָרנישט באוויזן אויסצופועלן. „דהע העראַלד" האָט ווי־דער געפּרווט צוציען די אויפמערקזאמקייט פון דער עפנטלעכער מיינונג אויף אונדזער פאַל און האָט דעם 1טן פעברואַר 1918 פאַרעפנטלעכט אַן אויסגעצייכנטן ארטיקל, אין וועלכן זי האָט זיך מיט דער גאנצער קאַטעגאָרישקייט אַרויסגעשטעלט פאַר אונדזער באפרייונג און געשליידערט דער רעגירונג אין פּנים אַריין איניקע פאַר איר אומאַנגענעמע אמתן, פון וועלכע זי האָט נישט געקאָנט שעפּן קיין נחת.

אינצווישנצייט האָט אויך די רוסישע רעגירונג צוגעשיקט צום ענגלישן אויסע־רנמיניסטעריום א נאָטע, אין וועלכער מ׳האָט אים געלאָזט וויסן, אַז ס׳זיינען נישט פאראן קיין שום מניעות פאר מיין אַריינפאָר קיין רוסלאַנד. אָבער אויך דאָס האָט

נישט געהאָלפן. די ענגלישע רעגירונג איז געווען פעסט ביי זיך מיך נישט צו לאָזן פאָרן קיין רוסלאַנד. וועלכע סיבות ס'האָבן זי באוויגן דערצו, דאָס איז געבליבן איר סוד.

דעם 1טן פעברואר האָבן די ענגלישע צייטונגען געברענגט די ידיעה, אז רוס־לאנד האָט געשלאָסן פרידן מיט דייטשלאַנד. דאָס הארץ האָט זיך מיר שיער־נישט אָפּגעשטעלט, ווען איך האָב שפּעטער געלייענט, אויף וועלכע באדינגונגען אָט־דער „פרידן" האָט פון רוסלאַנד געמוזט געקויפט ווערן. אלע צוזאָגן וועגן א „גערעכטן פרידנסאָפּמאך אָן אנעקסיעס" זיינען פון די הערשנדיקע קליקעס אין דייטשלאנד פארוואָרפן געוואָרן מיט א שפּאָטישן געלעכטער, ווען רוסלאַנד איז איצט געלעגן אויף דער ערד און זיך מער נישט געקאָנט פארטיידיקן. דעם גענעראל האָפּמאנס בארימטער זעץ מיט דער פויסט אויפן טיש פון די פארהאנדלונגען אין ברעסט־ליטאָווסק, איז געווען א זעץ, וואָס דער דייטשער מיליטאַריזם האָט דערלאנגט גאנץ אייראָפּע. אַלע סימפּאַטיעס, וועלכע דאָס קייזערלעכע דייטשלאַנד האָט נאָך ערגעצוו אין דער וועלט געקאָנט האָבן, האָבן דורך אָט־דער שענדלעכער פארגוואלטיקונג פון רוסלאַנד געמוזט גענצלעך דערשטיקט ווערן. יענע אולטרא־רעאקציאָנערע קליקע, וועלכע האָט מיט איר רישעותדיקער אַראָגאַנץ אזוי שטאַרק צוגעהאָלפן צום אויס־ברוך פונעם וועלטקריג, האָט שפּעטער נישט געהאט קיין שום מאָראַליש רעכט צו פּראָטעסטירן קעגן דעם שלום־טראַקטאַט פון ווערסאַיל, ווייל זי איז עס געווען יענע, וועלכע האָט סאנקציאָנירט דעם געוואלט־פרידן פון ברעסט־ליטאָווסק און אים גע־רעכטפארטיקט ווי דאָס רעכט פונעם שטאַרקערן.

דער רוב פון מיינע חברים בצרה האָט נאטירלעך נישט פארשטאַנען דעם אומ־גליקלעכן באַטייט פון יענעם שלום. זיי האָבן דעם עינין גיכער באטראכט ווי א פערזענלעכע אָנגעלעגנהייט און געגלויבט צו זען אין דעם אַ סימן, אַז ס'וועט אינגיכן נעמען א סוף צו זייער געפאַנגענשאַפט. מ'האָט ווידער געוואָלט האָפן, און מ'האָט גע־האָפט. אפשר איז דאָס געווען גוט אזוי, ווייל אָט־די פאלשע האָפענונג האָט נישט איינעם באשיצט פון גענצלעכער פארצווייפלונג.

# דער אָפּשייד פון ענגלאַנד

דער לאַגער איז אין יענער צייט געווען מוראדיק אָנגעפּילט. די סיבה דערפון איז געווען די אומענדלעכע פּאַרהאַנדלונגען צווישן דער דייטשער און ענגלישער רעגירונג וועגן דעם אויסטויש פון גרעסערע פּאַרטיעס ציווילע געפאַנגענע. די דאָזיקע פּאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן שוין זינט פערצן חדשים און נאָך אַלץ איז מען נישט דערגאַנגען צו גאָרנישט. אין פאַרלויף פון אָט־דער צייט האָט מען אונדז כסדר צוגעשיקט געפאַנגענע פון אַלע אַנדערע לאַגערן פון לאַנד, וועלכע האָבן מכלומרשט אין עטלעכע וואָכן אַרום געזאָלט אָפּפאָרן קיין דייטשלאַנד. אָבער אַזוי ווי די פּאַר־האַנדלונגען צווישן די צוויי רעגירונגען זיינען כסדר באַנייס אָפּגעשטעלט געוואָרן, זיינען די דאָזיקע מענטשן דערוויייל געבליבן ביי אונדז אין לאַגער. דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז די ענגשאַפט איז כסדר געוואָרן גרעסער און מ'האָט שוין צום סוף נישט געוווסט, ווו אַהינצוטאָן די ניי־אָנגעקומענע. אַלע אונדזערע פּראָטעסטן ביי דער שוועדישער און שווייצאַרישער געזאַנדשאַפט האָבן נישט געגעבן קיין שום רעזולטאַטן. אַפילו די פּלעצער, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר אונדזערע שולן, זיינען ביי אונדז צוגענומען געוואָרן און ס'זיינען אין זיי אוועקגעשטעלט געוואָרן בעטלעך פאַר די ניי־געבראַכטע. דערמיט איז איינער פון די ווערטפולסטע אַנשטאַלטן אין לאַגער אָפּגעווישט געוואָרן מיט איין קלאַפּ, אַן אַנשטאַלט, וועלכער איז פאַר אַ סך פון די געפאַנגענע געווען אַ געוויסע צעשטרייאונג אין זייער פּיינפולער לאַגע. אָבער ווער האָט דאָס אינטערעסירט!..

זומער צייט, ווען די געפאַנגענע האָבן זיך אין משך פונעם טאָג געקאָנט אויפ־האַלטן אין דרויסן, אין קאָמפּאַונד, איז נאָך די לאַגע געווען ווי עס איז דערטרעגלעך, אָבער ווינטער, ווען אויך די־אָ מעגלעכקייט איז נישט געווען, איז די לאַגע געוואָרן ממש אומדערטרעגלעך. קראַנקייטן, וועלכע זיינען דורך די לאַנגע יאָרן פון אונטער־דערנערונג פאַרשטאַרקט געוואָרן, זיינען געוואָרן אַלץ אָפטערע געסט צווישן אונדז. דער לאַגער־שפּיטאָל איז געווען איבערגעפּולט ביז צום דערשטיקט ווערן, און דער דאָקטער האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן צו דעם.

די מוראדיקע ווירקונגען פון דער לאַנגער געפאַנגענשאַפט אויפן געמיט־צו־שטאַנד פון די געפאַנגענע זיינען געוואָרן אַלץ אָפּשרעקנדיקער. צווישן דער קליינער צאָל געפאַנגענע, וועלכע מ'האָט ביז איצט אין ביידע לענדער אויסגעטוישט, איז געווען אַ היפּשע צאָל, וועלכע זיינען פּסיכיש געריערט געוואָרן. אָט־די אַלאַרמירנדיקע

דערשיינונג איז אפשר געווען די סיבה דערפון, וואָס מ'האָט זיך לסוף ערנסט גע־
נומען צום אויסטויש. אָבער אזוי ווי די צאָל מענטשן, וועלכע האָט געקאָנט אָפּגע־
שיקט ווערן קיין דייטשלאנד, איז געווען פארהעלטנישמעסיק קליין, זיינעןביידע
רעגירונגען געקומען צו א הסכם צווישן זיך, אז יענע געפאנגענע, וועלכע האָבן
געליטן פון א הויכגראדיקער נערוועזיטעט און געפינען זיך פון זינט אָנהויב מילחמה
הינטער שטעכיקן דראָט און גראַטעס, זאָלן אינטערנירט ווערן אין נייטראַלע לענדער,
ווו ס'זאָל זיי דורך בעסערע לעבנס־באַדינגונגען און גרעסערער פּערזענלעכער פריי־
הייט געגעבן ווערן די געלעגנהייט צו קומען צו זיך פון די רעזולטאַטן פון דער
לאַנגער געפאנגענשאַפט.

סוף יאַנואַר 1918 איז ביי אונדז אַרויסגעלאָזט געוואָרן די ערשטע מעלדונג,
אַז געפאַנגענע, וועלכע האַלטן, אַז זיי זיינען צוליב זייער שלעכטן געזונטצושטאַנד
באַרעכטיקט צו פאָרן זיך אינטערנירן קיין האָלאַנד, זאָלן זיך פּרעזענטירן צום
דאָקטאָר פאַר זייער אונטערזוכונג. די ערשטע אונטערזוכונג פון אַזעלכע געפאַנגענע
האָט דער דאָקטאָר דורכגעפירט אין לאַגער גופא. די פּערזאָנען, וועלכע ער האָט
אָפּגעקליבן, האָבן זיך דערנאָך געדאַרפט צושטעלן צו אַ צווייטער אונטערזוכונג פון
אַ דאָקטאָר פונעם אינערן־מיניסטעריום און ערשט ער האָט ענדגילטיק באַשטימט,
צי זייערע נעמען דאַרפן אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דער „האָלענדישער ליסטע".

איך אַליין האָב זיך דעמאָלט געפונען אין אַ מצב, וואָס ס'איז מיך נישט געווען
וואָס מקנא צו זיין. אַ האַרטנעקיקע מאָגנקראַנקייט, וועלכע איך האָב באַקומען אין
דער געפאַנגענשאַפט, האָט מיך געצוווּנגען צו פאַרברענגען אייניקע וואָכן אינעם
לאַגער־שפּיטאָל. כ'האָב מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין שום שפּייז; אפילו גאַנץ
שיטערע מילך האָט מיין מאָגן נישט געקאָנט פאַרדייען. דער אַלטער דאָקטאָר דאָוו,
אַ ווילער, מענטשנפריינטלעכער מענטש, האָט זיך באַמיט מיט אַלע זיינע מעגלעכ־
קייטן מיך אויפצוהאַלטן אויף די פיס. נאָך דריי וואָכן צייט בין איך שוין באַנייס
געווען אימשטאַנד אויפצונעמען מיין אַרבעט אינעם באַטאַליאָן. איך האָב אָבער
געפילט, אַז מיין פריערדיקער קרעפטיקער געזונטצושטאַנד איז איצט געווען צע־
טרייסלט. פּאַקטיש האָב איך טאַקע שפּעטער אין אַמסטערדאַם געמוזט לאָזן דורכ־
פירן אַן אָפּעראַציע איבער זיך, כדי פטור צו ווערן פון דער צרה.

אָבער ערגער ווי יענע פיזישע ליידן איז געווען די גייסטיקע דערשלאָגנקייט,
וועלכע האָט דעמאָלט אַזוי שווער געהויערט אויף מיר. אַלע באַמיונגען פון מיינע
פריינט אויסצופועלן מיליס באַפרייונג זיינען דורכגעפאַלן. זי האָט זיך טאַקע גע־
האַלטן מוטיק און פעסט ווי תמיד, אָבער פון אירע בריוו האָב איך געקאָנט אַרויס־
לייענען די אינערלעכע פאַרביטערונג, וועלכע די אָפּגעזאָגטע האָפענונגען האָבן
ביי איר אַרויסגערופן. אָבער איצט האָב איך פאַר זיך געהאַט אַ געלעגנהייט עפּעס
צו טאָן, און אין פאַל איך זאָל האָבן די מעגלעכקייט אָפּצופאָרן קיין האָלאַנד,
האָב איך דאָך אויך מיט אַ געוויסער זיכערקייט געקאָנט רעכענען, אַז מ'וועט שפּע־
טער אויך מילין דערלויבן צו קומען צו מיר.

אַ קליינער טייל פון מיינע מיטגעפאַנגענע איז שוין געהאַט אָפּגעפאָרן קיין

האַלאַנד און אונדז שוין געהאַט צוגעשיקט די בעסטע ידיעות. דער דאַרטיקער לאַגער פון די דייטשע ציווילע געפאַנגענע האָט זיך געפונען אין שכינות פון האַטעם, אַ קליי־נעם ישוב נישט ווייט פון צוואָלע. ווער ס'האָט געהאַט אייגענע מיטלען האָט געקאָנט וווינען פּריוואַט. די, וואָס האָבן דאָס נישט געהאַט, זענען באַזעצט געוואָרן אין לופטיקע באַראַקן און זיי האָבן געקאָנט דעם גאַנצן טאָג פאַרלאָזן דעם לאַגער און אַרומגיין אין דער גאַנצער געגנט. די באַשפּייזונג איז געווען אַ זייער גוטע. נאָך די פּײַנלעכע יאָרן פון געפאַנגענשאַפט האָט זיך דער אויפהאַלט דאָרט געמוזט אויסווייזן ווי אַ גן־עדן.

אין מיטן פעברואַר איז אָפּגעפאָרן אַ צווייטער טראַנספּאָרט קיין האָלאַנד, און איך האָב נאָך אַלץ נישט געקאָנט פועלן ביי זיך, וואָס צו טאָן. וואָלט איך זיך געקאָנט זען מיט מילין און מיט איר רעדן, וואָלט מיר דער עינין נישט געווען אַנגעקומען אַזוי שווער, ווייל מיר וואָלטן זיך באַלד פאַרשטענדיקט צווישן זיך. שריפטלעך האָט דאָס צוליב פאַרשידענע מאָטיוון נישט געקאָנט דערליידיקט ווערן. און חוץ דעם האָט געדויערט דריי וואָכן צייט ביז ס'איז אָנגעקומען אַן ענטפער אויף אַ בריוו און אין אַזאַ לאַנגער צייט קאָן צומאָלס פאַרשפּילט ווערן די בעסטע געלעגנהייט. אין צווישנצייט האָב איך זיך וועגן דעם מיישב געווען מיט מיין זון און מיט מיינע פריינט, וועלכע האָבן מיך באַזוכט, און אַלע האָבן מיר בפירוש געעצהט אויסצונוצן די געלעגנהייט. ווען ס'איז דעריבער דעם 26סטן פעברואַר געגרייט געוואָרן די רשימה פאַרן לעצטן טראַנספּאָרט קיין האָלאַנד, האָב איך זיך מער נישט געקווענקלט. די מעדיצינישע באַטראַכטונג איז געווען גינציק פאַר מיר. ד"ר דאָוו האָט מיך פאַרזיכערט, אַז איך מעג רעכענען מיט זיכערקייט אַוועקגע־שטעלט צו ווערן אויף דער רשימה.

דעם 5טן מערץ איז געקומען די לעצטע ליסטע מיט די נעמען פון די גע־פאַנגענע, וועלכע דאַרפן אָפּפאָרן קיין האָלאַנד. מיין נאָמען איז דאָרט נישט געווען. אָבער באַלד נאָכדעם איז דערשינען אַ נייע רשימה פון די געפאַנגענע, וועלכע זיינען באַשטימט אָפּצופאָרן קיין דייטשלאַנד אין אויסטויש, און דאָ איז מיין נאָמען געשטאַנען אויפן ערשטן פּלאַץ. איך האָב נישט געוווסט, ווי אַזוי דאָס צו פאַרשטיין. מיך האָט אינטערעסירט צו וויסן, צי האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן אַ טעות אָדער איז עס דער פּאָליטישער פּאָליצייס אַ שטיקל אַרבעט. איך בין געווען גאַנץ זיכער ביי זיך, וואָס מיין אומקער קיין דייטשלאַנד ביי די דעמאָלטיקע אומשטענדן האָט געקאָנט באַטייטן פאַר מיר. מ'וואָלט מיך דאָרט זיכער נישט אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי, כל־זמן די מילחמה וואָלט געדויערט, נייערט מיך באַגראָבן ערגעץ־ווו אין אַ תפיסה.

וואָס־זשע זאָל איך טאָן? איך וואָלט טאַקע געקאָנט פּראָטעסטירן קעגן מיין „רעפּאַטריאירונג" און בעטן דעם קאָמאַנדאַט אַראָפּצונעמען מיין נאָמען פון דער ליסטע. אָבער צו דעם האָב איך ביי זיך נישט געקאָנט פועלן, ווייל דווקא אים האָב איך נישט געוואָלט שולדיק זיין קיין שום דאַנק. האָב איך זיך דעריבער געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז מיר מוזן דאָך סיי־ווי־סיי פאָרן איבער האָלאַנד און

איך האָב זיך דעריבער נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז מ׳זאָל מיך דאָרט קאָנען צווינגען קעגן מיין ווילן צו פאָרן קיין דייטשלאַנד. אויך רודאָלף און קאַרל האָבן גע־האַט דיזעלביקע מיינונג. מיר האָבן דאָך נישט געוווּסט, וואָס פאַרא ענדערונגען דער קריג האָט גורם געווען אפילו אין די נייטראַלע לענדער.

דעם 6טן מערץ האָב איך געגעבן מיין לעצטן רעפעראַט אין זאַל פונעם טעאַטער. ס׳איז געווען דער 139טער רעפעראַט. ווען איך האָב ביים סוף גערעדט עטלעכע האַרציקע ווערטער צו מיינע צוהערער, זיך געזעגענענדיק מיט זיי, האָט זיך געפילט אַן אומעט, וואָס האָט באַהערשט די גאַנצע פאַרזאַמלונג. מיר אַליין איז אויך געוואָרן שווער אויפן האַרץ, ווייל אין לויף פון די אַלע חדשים איז צווישן דידאָזיקע מענטשן און מיר אַנטשטאַנען אַזאַ מין אינטים פאַרהעלטעניש און אַ סך פון זיי זיינען מיר אויך ווי מענטשן געווען נאָענט.

צומאָרגנס האָבן מיך באַזוכט מיליס שוועסטער פאַלי און ראָזע מיטן יינגעלע און מיינע אַלטע פריינט לאַזאַר און מילי זאַבעלינסקי, כדי זיך מיט מיר צו געזע־גענען. ס׳איז געווען אַ שווערע געזעגענונג. כ׳האָב זיך געפילט אַזוי שטאַרק צונויפ־געבונדן מיט די ליבע פריינט, מיט וועמען איך האָב אין משך פון די אַלע יאָרן זיך געטיילט מיט פריידן און ליידן, אַז די שיידונג איז נישט געווען קיין לייכטע. באַזונדערס שווער איז פאַר מיר געווען דער געדאַנק, אַז ווער ווייסט ווי לאַנג איך וועל איצט נישט קאָנען זען אונדזער יינגעלע. אָבער איך בין געווען רואיק, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז ער געפינט זיך אין גוטע הענט. אַלעס מוז מען דורכלעבן און אויסהאַלטן.

אַזוי ווי מיר האָבן דעם 9טן מערץ געזאָלט אָפּפאָרן אין רעפאַטריאַציע־לאַגער אין ספּאַלדינג, האָבן אונדזערע מיטגעפאַנגענע אַראַנזשירט פאַר אונדז אַ נאַכט פאַר דעם אַ גרויסן אָפּשייד־יום־טוב. צווישן די, וואָס האָבן געדאַרפט אָפּפאָרן, איז געווען אַ היפּשע צאָל ווילע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַרן גאַנצן לאַגער. צווישן זיי אויך פריץ פאָפּפע, דער פירער פונעם באַטאַליאָן „סי״. איז דערפאַר לייכט צו פאַרשטיין, אַז ס׳האָט נישט געקאָנט הערשן קיין אמת יום־טובדיקע שטימונג. ווען איך האָב ביים סוף פון דער פייערונג גענומען דאָס וואָרט, ביכדי די איבערבלייבנדיקע חברים בגורל צו זאָגן עטלעכע האַרציקע געזעגן־ווערטער, ערשט דעמאָלט האָב איך געפילט, וואָס איך בין אַזעלכעס געווען פאַר דידאָזיקע אַזוי שווער געשטראָפטע מענטשן פאַר דער גאַנצער צייט פון אונדזער זיין צוזאַמען. איך האָב געזען די פאַרדאַגהטע און דורכגעליטענע פּנימער, וועלכע האָבן אויפמערקזאַם געקוקט אויף מיר, און געלייענט אינעם מידן גלאַנץ פון זייערע אויגן, וואָס עס קומט־פאַר ביי זיי. אייניקע פון די עלטערע מענטשן האָבן זיך אפילו נישט באַמיט צו באַהאַלטן זייערע טרערן. איך האָב פאַרלאַנגט פון זיי, נישט צו פאַרלירן דעם מוט, ווייל אויך פאַר זיי וועט באַלד קומען די שעה פון באַפרייונג. אָבער פריער פון אַלץ האָב איך זיי אויפגעפאָדערט נישט אויפצוגעבן לייכט די דערגרייכונגען, וועלכע מיר האָבן דעראָבערט אין לאַגער נאָך אומאויפ־הערלעכע און שווערע קאַמפן אין משך פון די אַלע יאָרן. ווען איך האָב געענדיקט,

האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט פון זייערע פלעצער און אייינציקווייז פאַרבייגעגאַנגען פאַר מיר אין אַ לאַנגער ריי, כדי מיר צו דריקן די האַנט. ווען מיר זיינען שוין לאַנג געלעגן אויף די בעטלעך, איז פּלוצים דערגאַנגען אַ געזאַנג צו אונדזער אויער. ס'זיינען געווען די חברים פונעם געזאַנגס־פאַריין, וועלכע האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק אין אָט־דער שפּעטער שעה צו לאָזן הערן אַ שטימונגספול אָפּשיידליד.

מיר איז געווען שווער אויפן געמיט. און ווען אפילו דער שלאָף האָט זיך אָפּגעטאָן פון מיינע אויגן, האָב איך זיך געפילט מיד און פאַרמאַטערט פון די געזעגן־סצענעס פון פאַרגאַנגענעם אָוונט. איך האָב געוווסט, אַז מיינע מיטגעפאַנגענע זיינען מיר זייער איבערגעגעבן, אָבער איך האָב ערשט דעמאָלט געפילט, ווי שטאַרק ס'איז געווען דער באַנד, ווי שטאַרק ס'איז געווען דער צונויפבונד צווישן מיר און זיי. מיט אַ געוויסער צאַרטקייט און וואַרעמקייט אויפן געמיט דערמאָן איך זיך אין דער ליבע און סימפּאַטיע, וועלכע מ'האָט מיר אין די לעצטע שעהן אַרויס־געוויזן. און נאָך אַלעמען, — וואָס האָב איך דען אַזוינס געטאָן, ביכדי צו פאַרדינען דעמדאָזיקן צוטרוי? אוודאי האָב איך נישט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט, כדי בייצושטיין מיינע חברים אין אומגליק און אין נויט. במשך פון צוויי יאָר האָב איך געטראָגן אויף מיינע פּלייצעס דעם אומאַנגענעמען און אומדאַנקבאַרן אַמט ווי אַ פּי־רער פונעם באַטאַליאָן און דערפאַר געמוזט באַצאָלן מיט היפּשע פּערזענלעכע צרות. אָבער דאָס איז דאָך, סוף־כל־סוף, געווען אַ חוב, וועלכן איך האָב פרייוויליק גע־נומען אויף זיך. מיט אינערלעכער סאַטיספאַקציע האָב איך געטראַכט וועגן דעם, אַז אויך דידאָזיקע אַרבעט איז נישט געווען קיין אַרויסגעוואָרפענע, קיין אומזיסטי־קע. האָב איך דאָך געהאַט אַזוי פיל געלעגנהייטן צו העלפן און בייצושטיין אַזוי פיל פון מיינע חברים בצרה און פאַר זיי טאָן אַזעלכע זאַכן, וועלכע מ'איז אימשטאַנד אָפּצושאַצן ווי ס'געהער צו זיין נאָר ווען מ'געפינט זיך אין געפאַנגענשאַפט. מער ווי איינמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, גלייך ווי איך וואָלט געווען דער זאַמלפּונקט פון אַלע פּערזענלעכע ליידן און יסורים אינעם לאַגער. איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט טראַגעדיעס, פון וועלכע אַנדערע האָבן אפילו נישט געהאַט קיין אַנונג. אַזוי פיל פון מיינע מיטגעפאַנגענע האָבן פאַר מיר געעפנט זייער נשמה, ביכדי זיך אַראָפּצורעדן פון האַרץ און זיך לייכטער מאַכן אויפן געמיט. איך האָב יעדן איינעם אויסגעהערט און צוגעהאָלפן ווו נאָר איך האָב געקאָנט, און אָט־דאָס באַוווסטזיין איז געווען אַ פאַרלייכטערונג פאַר מיר.

ס'איז געווען אַ לאַנגע, שלאָפלאָזע נאַכט, די לעצטע נאַכט אין לאַגער. אַלץ האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי אַ לאַנגער שווערער חלום. ווען ס'האָט לסוף אָנגעהויבן גרויען אויף טאָג, בין איך אַראָפּ פון מיינע דריי ברעטער. אויך רודאָלף איז אויפ־געשטאַנען, אַזוי אַז מיר האָבן אין די פרימאָרגן־שעהן נאָך געקאָנט זיין אַביסל צוזאַ־מען און אַליין. דער טייערער בחור! מיט וואָס פאַראַ ליבשאַפט און צערטלעכקייט ער האָט זיך די גאַנצע צייט אָפּגעגעבן מיט מיר. און ווי שטאַרק ער האָט זיך גע־פרייט, אַז ס'וועט אינגיכן שלאָגן פאַר אונדז די שעה פון פרייהייט. ער איז געווען פול מיט האָפענונגען און פעסט איבערצייגט, אַז מיר וועלן זיך גאָר אינגיכן ווידער

צוגויפטרעפן. איך האָב אים נישט געלאָזט פילן מיין אינערלעכע דערשלאָגנקייט, כדי אים נישט צו פאַרשטערן זיין פריידיקע האָפּערדיקייט.

נאָכן אָנבייסן בין איך אוועק אין די צימערן פון דער פאַרוואַלטונג פונעם לאַגער, ביכדי זיך צו געזעגענען מיט אייניקע אָפיצירן, פאַר וועלכע איך האָב באמת געהאַט גרויס דרך־ארץ. מאַיאָר מאָט איז געווען שטאַרק גערירט, ווען ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט. ער האָט מיר געגעבן זיין בילד צום אָנדענק און מיר געווונטשן גליק אויף מיין נייעם וועג. ווען ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, האָט ער צו מיר אַ זאָג־געטאָן, גלייך ווי ער וואָלט געלייענט מיינע געדאַנקען:

— זייט רואיק וועגן אייער זון, ראַקער. איך וועל שוין זאָרגן דערפאַר, אַז ער זאָל נישט אָפּגעשיקט ווערן אויף דער אינדזל; איך וועל אים געבן אַ שטעלע אין מיין ביוראָ און דערמיט וועט ער זיין פאַרזיכערט.

ער האָט ערלעך מקיים געווען זיין צוזאָג.

ווען איך האָב באַזוכט דעם צענזאָר פונעם באַטאַליאָן „אי", האָט ער מיך אַוועקגערופן אין אַ זייט און מיך געפרעגט ווי עס זעען־אויס מיינע געלט־ענינים.

— באַליידיקט זיך נישט, ראַקער, — האָט ער פריינטלעך געזאָגט צו מיר. — ווען מ'איז אַזוי לאַנג אינטערנירט ווי איר זיינט עס געווען, איז נאַטירלעך, אַז עס זאָלן זיך אויסלאָזן די מיטלען, וואָס מ'האָט געהאַט. איר וועט מיר אָנטאָן אַ גרויסן פאַרגעניגן, אויב איר וועט באַווייליקן אָנצונעמען פון מיר בתוך הלוואה די צען פונט, וואָס ס'איז אייך דערלויבט מיטצונעמען ביים אַרויספאָרן פון לאַנד. נאָך דער מילחמה וועט איר מיר קאָנען צוריקשיקן דאָסדאָזיקע געלט.

איך האָב די גאַנצע צייט שטאַרק געהאַלטן פון אים ווי אַ מענטש, אָבער אויף אָט־דעם אָנבאָט האָב איך זיך נישט געריכט. ס'איז מיר אָנגעקומען שווער גובר צו זיין מיין אינערלעכע גערירטקייט. נאָכדעם האָב איך אים האַרציק געדאַנקט און אים פאַרזיכערט, אַז איך האָב שוין אפילו מער ווי די דערלויבטע סומע. ער האָט זיך אָבער נישט צופרידנגעשטעלט מיט מיין פאַרזיכערונג, ביז איך האָב געעפנט מיין טייסטערל און אים געוויזן דאָס געלט.

ווען איך בין צוריקגעקומען אין באַטאַליאָן, זיינען מיינע מיטגעפאַנגענע געשטאַנען ענג צונויפגעשפּאַרט, כדי מיר נאָך איינמאָל צו דערלאַנגען די האַנט. די געפאַנגענע, וועלכע האָבן געזאָלט צוזאַמען מיט מיר פאַרלאָזן דעם „פּאַלאַץ", זיינען שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט אינדרויסן. נאָך אַ קליינער ווײַלע און מיר זיינען אַוועק צום פרייען פּלאַץ ביים פראָנט פונעם מיזרחדיקן האָל. דאָרט איז אויך געווען מיין זון, קאַרל לאַר, קאַרל און די קאַפּיטאַנען, וועלכע האָבן מיר געוואָלט ווינטשן אַ לעצטן „זיי געזונט". ווען אַלע פאָרמאַליטעטן זיינען געווען דערליידיקט, האָט זיך מאַיאָר מאָט געווענדט צו מיין זון און אים דערלויבט מיך צו באַגלייטן צו דער באַן. דאָס איז געווען די לעצטע שיינע טובה, וואָס דער מוטיקער מענטש האָט מיר געטאָן.

נאָכדעם האָט זיך געלאָזט הערן דער באַפעל צום אָפּמאַרשירן, און מיט אַ שנעלן טעמפּאָ האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט באַרגאַראָפּ צו דער באַנסטאַנציע, ווו אונדזער

צוג איז שוין געשטאַנען גרייט. איך האָב פאַרנומען אַ פּלאַץ אין אַן אָפּטייל פון אַ וואַגאָן צוזאַמען מיט פריץ פאָפּפען, זיינעם אַ ברודער און נאָך אייניקע פריינט. נאָך אַ לעצטער אַרומנעם מיט רודאָלפן און דער צוג האָט זיך גענומען רירן. אַלע מיינע פריינט האָבן זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון אַ פריידיקער געריררטקייט, נאָר אין מיר האָט נישט געקאָנט אויפקומען קיין פריידיקע שטימונג. איך בין געזעסן ביים פענצטער און געקוקט אינעם חלל אַריין אַ פאַרזונקענער אין געדאַנקען. די אַלע יאָרן פון דער געפאַנגענשאַפט האָבן זיך איצט אַוועקגעשטעלט פאַר מיר מיט זייער גאַנצער פיינפולער דייטלעכקייט און געדריקט אויף מיין געמיט. ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, ווי דאָס אַלעס וואָלט זיך געווען אָפּגעשפּילט ערגעצוווּ מחוץ דער ווירקלעכקייט. איך האָב געטראַכט וועגן מילין, וועגן די ליבע און טייערע אינדערהיים און וועגן די אַלע אָרעמע, פונעם גורל פאַרפייניקטע מענטשן, וועלכע איך האָב צוריקגעלאָזט אינעם „פּעלעס״.

ס'האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון צער און עגמת־נפש. ווי לאַנג, אַ, ווי לאַנג נאָך? און מיין אייגענע לאַגע? כ'האָב זיך אַרויסגעלאָזט אויפן שפּיל פונעם גורל. ווער־זשע קאָן וויסן, וואָס מיך דערוואַרט נאָך? וואָס פאַר מיר איז נאָך באַשטימט? די אַלטע חברים, וועלכע פאָרן מיט מיר, האָבן אַלע אַ באַשטימטן ציל פאַר זיך. אייניקע פון זיי זיינען צוריקגעפאָרן אין דער אַלטער היים, די אַנדערע זיינען געפאָרן פאַרבלייבן אין האָלאַנד, בלויז איך בין געפאָרן אין אומזיכערקייט. אַן אומגעהייערע פוסטקייט האָט זיך פאַר מיר פונאַנדערגעעפנט, — ווער ווייס, וואָס מיט מיר וועט זיין! אָבער די פריינט האָבן מיך אַרויסגעריסן פון די שווערע מחשבות און מיך דערמאָנט אין דער ווירקלעכקייט. אינדרויסן איז געווען פרילינג און די זון האָט מיט איר וואַרעמען גלאַנץ אַראָפּגעלאַכט פונעם בלויען הימל. אַלעס האָט געלאַכט, געפלוידערט און זיך געפרייט, אפילו די זעלנער, וועלכע האָבן אונדז באַגלייט, זיינען געווען אויפגעלייגט און גוט געשטימט.

אונדזער איצטיקער ציל איז געווען דער רעפּאַטריאירונגס־לאַגער אין ספּאַלדינג. דאָרט דאַרפן מיר פאַרבלייבן בערך אַ וואָך צייט. ס'איז געווען אַרום דריי אַזייגער נאָכמיטיק, ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין ספּאַלדינג. פון דער באַנסטאַנציע ביז צום לאַגער איז געווען אַ היפּשער מהלך, וועלכן מיר האָבן דורכגעמאַכט צופוס. די באַפעלקערונג האָט אונדז באַטראַכט מיט נייגעריקע בליקן, אָבער אָן פיינטשאַפט. דער לאַגער איז געווען אַן אַלטע פאַבריקגעביידע, וועלכע איז שוין געווען אינגאַנצן אָנגעפילט. נאָכדעם ווי ס'איז דורכגעפירט און פאַרענדיקט געוואָרן די אָנגענומענע ציילעניש, רעגיסטראַציע און אַנדערע פאָרמאַליטעטן, האָב איך זיך געקאָנט אַביסל אַרומקוקן אין לאַגער. דער רוב מענטשן פונעם לאַגער איז געקומען פון דער „אייל אָף מען״ און איך האָב צווישן זיי באַגעגנט אייניקע אַלטע באַקאַנטע, וועלכע זיינען פריער געהאַט געווען אין „פּעלעס״.

דער אויפהאַלט אין אָט־דער אַלטער בודע מיט די טומלענדיקע מחנות מענטשן איז דווקא נישט געווען זייער אָנגענעם; אָבער פונדעסטוועגן האָבן מיר געהאַט מזל. אונדזער אָפּפאָר איז באַשטימט געוואָרן אויפן 15טן מערץ. פאַרמיטיק זיינען מיר

אַפּגעפאָרן אין דער פאָרטשטאָט באָסטאָן, נישט ווייט פון ספּאַלדינג. מיר זיינען גע־ווען זיכער, אַז נאָכדעם ווי מ׳האָט שוין אין ספּאַלדינג געהאַט גרינטלעך איבער־געקוקט און רעווידירט אונדזער באַגאַזש, וועלכעס מ׳האָט, אגב, אויך געזעצלעך פאַרחתמעט, וועלן מיר שוין מער נישט האָבן קיין שוועריקייטן. אָבער עס האָט אונדז דערוואַרט אַן אומאָנגענעמע אַנטוישונג. ווען מיר זיינען אָנגעקומען צו דער באַנסטאַנציע, האָט מען אונדז ווי אַ סטאַדע שאָף אַריינגעטריבן אין אַ באַזונדערן זאַל, וווּ אַ יונגיטשקער לייטענאַנט מיט אייניקע זעלנער האָבן אונדז געזידלט, גע־שאָלטן און באַליידיקט אויף אַ גראָבן אופן. באַזונדערס האָט זיך דער לייטענאַנט אויפגעפירט גלייך ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אַרויסגעקומען פון אַ משוגעים־הויז. ער האָט געשאָלטן, געשריגן און געוואַלדעוועט אָן יעדן מאָטיוו. טאָמער האָט עמעצער געהאַט אין זיין באַגאַזש נייע זאַכן, האָט מען זיי צוגענומען אָדער פּשוט צעריסן אויף פּיצלעך. האָט עמעצער נישט געהאַט תיכף ביי דער האַנט דאָס שליסעלע פון זיין וואַליזקע, האָט מען זי איינפאַך אויפגעבראָכן און אַלץ, וואָס איז געווען אינעווייניק, אַרויסגעוואָרפן אויפן שמוציקן פּאָל. ביי אייניקע פון אונדז זיינען אַפילו די רענצלעך קאָנפיסקירט געוואָרן, ווייל זיי זיינען מכלומרשט געווען ניי. און זיי האָבן געמוזט זיין צופרידן, ווען מ׳האָט זיי געגעבן אַן אַלטן זאַק פון קוילן, ביכדי איינצוּוויקלען אין אים זייער ביסל האָב און גוטס.

ס׳איז שווער צו גלייבן, אַז די ענגלישע רעגירונג האָט עפּעס געוווּסט וועגן דעם אַלעם. אָבער ווען מ׳נעמט אַ יונגן אומרייפן מענטש, וועמעס אַמביציע באַשטייט מיסתּמא אין דעם צו פירן מילחמה מיט די הונטן אויף זיין אייגענעם שטייגער, און מ׳גיט אים איבער אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלע, אַזעלכעס איז אַ פּשוטער גראָבער אומזין. נאָכדעם ווי מיר זיינען אויך איבערגעקומען דידאָזיקע לעצטע דערנידע־ריקונג, זיינען מיר אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף דער האָלענדישער שיף „סינדאָראַ״, וועלכע האָט אונדז געדאַרפט פירן קיין ראָטערדאַם. און דאָ האָט זיך מיטאַמאָל געענדערט די גאַנצע סצענע. די שוועסטערס פונעם „רויטן קרייץ״ האָבן אונדז האַרציק באַגריסט; זייער גאַנצער אויפפיר און האַלטן זיך האָט אונדז באַרואיקט. דאָ איז מען אויף קיינעם נישט אַרויפגעפאַלן, מיט קיינעם נישט קאָמאַנדעוועט; דאָ האָט מען בלויז געהערט פריינטלעכע ווערטער און געזען מענטשלעכן באַנעם.

פאַר מיר האָט מען אָנגעוויזן אַ קאַיוטע צוזאַמען מיט אַ פריינט. ווי שיין אַלעס האָט דאָ אויסגעזען, ווי ריין און ווייס און הימלעך־אָנציִענדיק! און די ווייסע גרעט אויף די בעטן. דאָ האָט דאָך אַלעס אויסגעזען פּונקט ווי אין יענע אַלטע צייטן, וועלכע זיינען שוין געלעגן לאַנג און ווייט הינטער אונדז און וועגן וועלכע מ׳האָט נאָך בלויז געהאַט די השגה צו חלומען ביינאַכט אין שלאָף. ווען איך בין דערנאָך אַוועק אין גרויסן זאַל פון דער שיף, האָב איך שוין דאָרט געטראָפן פריץ פּאַפּפּען און אייניקע פריינט, וועלכע זיינען געזעסן ביי אַ טיש און געטרונקען ביר. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט נעבן זיי. ווי וווּנדערבאַר דאָס האָט אַלעס אויסגעזען. אומעטום געדעקטע טישן, באַקוועמע שטולן, אויסגעצייכנטע אָרדענונג און האָלענדישע זויבער־קייט. מיין בליק האָט געוואַנדערט איבערן זאַל. צי זיינען דאָס טאַקע די זעלביקע

מענטשן, אויף וועמען די לאנגע געפאנגענשאפט האָט געהאט ארויפגעלייגט איר חותם? איצט האָב איך געזען בלויז צופרידענע פּנימער און אומעטום ארום מיר געהערט פריילעכע געלעכטערס. ס׳האָט אויסגעזען, גלייך ווי ס׳וואָלט אין אָט־די לעצטע שעהן געווען פאָרגעקומען א פולשטענדיקע ענדערונג אין די נשמות פון אָט־די אלע מענטשן.

ס׳איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטיק, ווען די „סינדאָרא" האָט ארויפגעצויגן דעם אַנקער און פאמעלעך געפאָרן לענגאויס דעם ענגלישן ברעג. דאָס וועטער איז געווען וואונדערבאר שיין און דער ים — גלאטיק ווי א שפּיגל. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן צו־פאלן די נאכט, האָט זיך די שיף אָפּגעשטעלט און זי האָט זיך פאראַנקערט גאנץ נאָענט פונעם ענגלישן ברעג.

איך בין געווען אזוי שטאַרק פארמאטערט פון די איינדרוקן פונעם פארגאנגענעם טאָג און פון די שווערע ספיקות וועגן מיין נאָענטער צוקונפט, אז איך בין אין יענער ערשטער נאכט אריינגעפאלן אין א טיפן שלאָף אָן חלומות, און אַזוי רואיק אָפּגע־שלאָפן ביז צומאָרגנס אינדערפרי. די „סינדאָרא" איז שוין ווידער געפאָרן, ווען איך בין אַרויף אויף דער דעק. דער הימל איז געווען בלאָ, די זון האָט געשיינט מיט ווארעמע שטראלן און אַ מילד ווינטל האָט לייכט געבלאָזן איבערן ים. די שיף איז איצט געפאָרן אין דער ריכטונג צו האָלאנד. דער ענגלישער ברעג איז שוין לאנג געווען פארשוואונדן פון אונדזערע אויגן. ווער האָט איצט געקאָנט וויסן, צי איך וועל ווען עס איז זיין אין יענעם לאנד, וועלכעס איז געהאט געוואָרן מיין צווייטע היים! אָבער איך האָב איצט נישט געהאט קיין צייט זיך צו ווידמען צו סענטימענטאַלע טראכטענישן, ווייל איצט האָב איך געמוזט קומען מיט עמעצן אין קאָנטאקט, כדי געוויר צו ווערן, וואָס איך דאַרף טאָן, אז איך זאָל קאָנען בלייבן אין האָלאנד.

אַ טאָג פאַר דעם האָב איך זיך געהאַט באַקענט מיט אַ יונגן האָלענדישן סטיואַרד פון דער שיף און אפילו גערעדט מיט אים עטלעכע ווערטער. ער האָט אויף מיר געמאכט א צוטרויליכן איינדרוק און איך האָב באשלאָסן מיט אים זיך דורכצושמו־עסן און אפשר אויך אים צו פארטרויען, אין וואָס פאַראַ לאַגע איך געפין זיך. באלד נאָכן מיטיק־עסן האָב איך אים באַמערקט אויפן הינטערשטן דעק, אָנגעלענט אָן פאָרענטש און רויכערנדיק א פייקע. איך בין צוגעגאנגען צו אים און מיט אים אָנגעקניפּט אַ שמועס. מיר האָבן גערעדט וועגן דער מילחמה, פאַר וועלכער ער האָט נישט געהאט קיין איין גוט וואָרט אַפילו. אינעם לויף פונעם שמועס בין איך צו מיין גרויסער פרייד און איבערראַשונג געוויר געוואָרן, אז ער באלאנגט צום „נאציאָנאַלן אַרביידס סעקרעטאַריאַט", דער האָלענדישער סינדיקאַליסטישער אַרבעטער־אָרגאַ־ניזאציע. ווען איך האָב אים געזאָגט, אז איך בין דאָמעלא ניווענהויזס אַן אלטער פריינט, האָט ער זיך זייער געפרייט, ווייל ער האָט אונדזער ליבן אלטיטשקן שוין אַ סך מאָל געהערט רעדן. איז איצט די דערווייטערונג און פרעמדקייט צווישן אונדז פארשוואונדן. איך האָב אים פארטרויט מיין לאגע און געבעטן זיין הילף.

דער יונגערמאַן האָט זיך דערקלערט גרייט צו טאָן פאַר מיר אַלץ. ער האָט מיך טאַקע תיכף געבעטן אים צו דערלויבן שוין אוועקצוגיין, כדי געוויר צו ווערן,

וואָס ס'איז צום גלייכסטן צו טאָן אין אַזאַ לאַגע. נאָך אַ פערטל שעה איז ער צוריק־געקומען און מיר דערקלערט, אַז אויף אַ לעגאַלן אופן, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, קאָן איך אין האָלאַנד נישט בלייבן. ער האָט זיך דורכגערעדט מיט עטלעכע חברים און זיי האלטן, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען איך זאָל רעדן מיטן דאָקטער פון דער שיף, ווערמען איך מעג אים רואיק דערציילן אלעס, ווייל ער איז אַ מענטש מיט פרייהייטלעכע איבערצייגונגען און ער וועט זיכער טאָן אלעס, וואָס ער וועט נאָר זיין ביכולת. האָב איך געפאָלגט זיין עצה און בין אוועק צום דאָקטער, וועלכער האָט אויף מיר געמאכט אַ זייער סימפּאַטישן איינדרוק. ער האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט, ווען איך האָב פאַר אים פאָרגעלייגט מיין בקשה, און מיר דערקלערט, אַז ער וועט זיך ערנסט אַרומקוקן וועגן דעם עניין און מיר דערנאָך לאָזן וויסן, וואָס מ'קאָן טאָן.

אינצווישן איז ווידער טונקל געוואָרן און אונדזער שיף האָט פאַראַנקערט נישט ווייט פון האָלענדישן ברעג. צומאָרגנס האָט מיך דער דאָקטער געלאָזט רופן און מיר געזאָגט, אַז דער איינציקער מענטש, וועלכער וואָלט מיר געקאָנט העלפן, איז זיין קאָלעגע אינעם עמיגראַנטנהויז אין ראָטערדאַם, ווערמען איך זאָל רואיק איבערגעבן מיין פאַל. דאָס איז געווען אַ שוואַכע האָפענונג. אָבער איך האָב זיך געמוזט צופרידנשטעלן מיטן ענטפער.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין ראָטערדאַם, איז דער דייטשער קאָנסול אַרויפגעקומען אויף דער שיף, כדי אונדז צו באַגריסן. נאָכדעם האָט מען איבער אונדז דורכגעפירט אַ גרינטלעכע רעוויזיע און אָפּגעפירט אין עמיגראַנטנהויז. דאָרטן האָט מען אָפּגעזונדערט יענע, וועלכע זיינען באַשטימט צו פאָרן קיין דייטשלאַנד, פון די אַנדערע, און אוועקגעפירט אין אַ באַזונדערן זאַל, וווּ מיר האָבן באַדאַרפט איבערנעכטיקן. אַלע טירן פון דער געביידע זיינען שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן דורך זעלנער, אַזוי אַז ס'איז געווען אוממעגלעך צו קאָנען אַנטלויפן פון דאַנען, ביפרט ווען מ'איז נישט געווען באַקאַנט מיטן בנין.

צומאָרגנס אינדערפרי האָב איך לסוף געהאַט די געלעגנהייט צו זען דעם דאָקטער און מיט אים צו רעדן. איך האָב געהאַט ווייניק האָפענונגען און זיך נישט אָפּגענאַרט. דער דאָקטער האָט מיר קורץ און אָפן דערקלערט, אַז ער קאָן פאַר מיר גאָרנישט טאָן, ווייל עס האנדלט זיך וועגן אַן אָפּמאַך צווישן דער ענגלישער און דייטשער רעגירונג, אין וועלכן ער, ווי אַ בירגער פון אַ נייטראַלער מלוכה, קאָן זיך נישט אַריינמישן.

— און וואָס וועט זיין, אויב איך וועל זיך אָפּזאָגן צו פאָרן קיין דייטשלאַנד? — האָב איך אים געפרעגט.

— איך עצה אייך בעסער דאָס נישט צו טאָן, — האָט ער געזאָגט, — ווייל מ'וועט אייך איינפאַך מיט געוואַלט צווינגען צו פאָרן.

— איז דאָס אײַער לעצט וואָרט? — האָב איך אים געפרעגט.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך האָט ער מיט אַ קווענקלענדיקן טאָן געזאָגט.

— ס'איז מיר אוממעגלעך אייך צו העלפן. אָבער איך וויל אייך געבן אַ גוטע

עצה. אייניקע מייל נאָך ראַטערדאַם פאַרקירעוועט זיך דער צוג, אין וועלכן איר וועט פאָרן קיין דייטשלאַנד, אויף א לאַנגער אויסגעקרימטער ליניע. ווו ער מוז פאָרן פּאַמעלעך. אויב איר זאָלט זיך דאָרט איינשטעלן צו פּרוּוון פאַרזיכטיק אַראָפּצו־שפּרינגען, וועט אייך קיינער נישט נאָכיאָגן. דערנאָך, אז איר וועט שוין זיין אויף אַ זיכער אָרט אין לאַנד, וועט מען אייך מיסתמא נישט אָפּזאָגן די דערלויבעניש צו בלייבן.

וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? איך האָב נישט געוווּסט, צי דערדאָזיקער מענטש זאָגט דעם אמת, צי איז דאָס בלויז אַזאַ אופן לייכט פּטור צו ווערן פון מיר. אָבער ס׳איז געווען די לעצטע קאָרט מיינע, וועלכע איך האָב געהאַט אין דער האַנט, און איך בין געווען דעצידירט זי אויסצושפּילן. 11 אזייגער פאַרמיטיק האָט מען אונדז אָפּגעפירט אונטער אַ גאַר שטרענגער באַוואַכונג צו דער באַן. אין וואַגאָן האָב איך פאַרנומען אַ פּלאַץ נעבן פענצטער, ביכדי צו זיין גרייט פאַר יעדן פאַל. די מינוטן האָבן זיך ביי מיר געצויגן ווי שעהן. צוויי אָדער דריי מייל נאָך ראַטערדאַם האָט דער צוג אָנגעהויבן פאָרן באַדייטנדיק פּאַמעלעכער. איך האָב די גאַנצע צייט שפּיאָנירט, כדי אויסצוגעפינען דאָס פּאַסיקסטע אָרט אַרויסצושפּרינגען. וואָלט עס געווען ביינאַכט, וואָלט איך יעדנפאַלס געקאָנט זיך ריכטן צו זיין מזלדיק אין מיין פּרוּוו, אָבער אינ־מיטן העלן טאָג איז די זאַך געווען מער ווי פּראָבלעמאַטיש. אָבער באין ברירה מוז איך אַלעס איינשטעלן. ווען דער מאָמענט האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו זיין פּאַסיק, האָב איך שנעל אַן עפן־געטון די טיר און אַרויסגעשפּרונגען. און הגם איך בין גוט אַרויסגעשפּרונגען, איז אָבער די געשווינדקייט פונעם צוג נאָך געווען גאַנץ גרויס, און איך בין אומגעשליידערט געוואָרן אויף דער ערד. איך האָב אָבער געפילט, אַז איך האָב זיך נישט צעקאַליעטשעט — די לייכטע צעקראַצונג אויף די הענט זיינען נישט אריין אין חשבון — און איך האָב זיך תיכף געשטעלט אויף די פיס.

די געגנט איז געווען אַ פּלאַכע און נישט ווייט פון דאַנען האָט זיך געזען א סטעזשקע, צו וועלכער איך האָב געוואָלט צוקומען. אָבער מיטאַמאָל האָב איך דער־הערט הויכע קולות הינטער זיך און דאָס סקריפּען פון די האַמילצעס. איך האָב זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט און באַמערקט, אז מ׳האָט אָפּגעשטעלט דעם צוג. האָב איך גענומען לויפן מיט אַלע כוחות, אָבער דאָס געשריי הינטער מיר איז געוואָרן שטאַר־קער און ווען איך האָב אומגעדרייט דעם קאָפּ, האָב איך געזען זעקס האָלענדישע זעלנער מאַכן גרויסע שפּרונגען, מיך נאָכיאָגנדיק. צום אומגליק זיינען מיר נאָך אַקעגנגעקומען דריי באַנאַרבעטער, וועלכע זיינען געוואָרן אויפמערקזאַם דורכן אָפּשטעל פון דער באַן און פון די געשרייען, און זיי האָבן מיר פאַרשטעלט דעם וועג. איז שוין נישט געווען קיין מעגלעכקייט אפילו צו טראַכטן וועגן אַרויסדרייען זיך ביי אַזעלכע אומשטענדן.

מ׳האָט מיך אוועקגעפירט אין אַ באַזונדער אָפּטייל פון צוג, ווו ס׳האָבן זיך גע־פונען די סאַניטאַרן און שוועסטער פונעם רויטן קרייץ, וועלכע האָבן מיך זייער גוט באַהאַנדלט און מיר דערלאַנגט א גלאָז וויין מיך צו קרעפּטיקן. אויף דער פראַגע, פאַרוואָס איך האָב געוואָלט אַנטלויפן, האָב איך זיי אויף גיך בקיצור אינפאָרמירט

וועגן מיין לאַגע. זיי האָבן איצט פאַרשטאַנען וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך און מיך געזוכט צו טרייסטן.

און איצט האָט זיך אַלעס געענדיקט. איך האָב געטראַכט וועגן מילין און וועגן די קינדער. קיינער פון זיי וועט איצט נישט וויסן, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט. אָט־דער געדאַנק האָט מיך מער געפּייניקט ווי אַלעס אַנדערע. אָבער איך האָב גאָרנישט געקאָנט טאָן צו דעם, נישט געקאָנט גאָרנישט ענדערן. איצט א־ז נייטיק געווען זיך אָנצונעמען מיט מוט און זוכן זיך צו העלפן ווי אַזוי דאָס וועט נאָר מעגלעך זיין.

די שעהן האָבן זיך געצויגן לאַנגע און שווערע. ערשט אין די שפּעטע נאָכמיטיק־שעהן זיינען מיר אָנגעקומען צו דער ערשטער דייטשער באַנסטאַנציע, האַסום. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע מינוט. הינטער אַן אַראָפּגעלאָזטן באַריער זיינען געשטאַנען אייניקע בלאַסע קינדער, וועלכע האָבן מיט זייערע קוויטשיקע קולעכלעך געזונגען „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אללעס", נאָכדעם אויסגע־שטעלט די הענטלעך און געבעטן א נדבה. דאָס איז געווען א שלעכטער סימן. נאָך א האַלבער שעה זיינען מיר אָנגעקומען קיין גאָך, די אייגנטלעכע גרענעץ־סטאַנציע. נאָכדעם ווי מ'האָט דורכגעפירט אַ גרינטלעכע רעוויזיע איבער אונדזער באַגאַזש און דערביי צוגענומען פון אונדז יעדעס שטיקל געדרוקט אָדער באַשריבן פּאַפּיר, האָט מען אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן אין א שורה, ווייל דער אָבערלייטענאַנט וויל האַלטן א רעדע.

ווי איך בין שפּעטער געוווּיר געוואָרן, איז דער פאָרשטייער פון דער גרענעץ־סטאַנציע אין גאָך, אָבערלייטענאַנט מערק, געווען א פּראָטעסטאַנטישער פּאַסטאָר, וועלכער האָט בשעת דער מילחמה פאַרביטן זיין גלחישע הלבשה אויפן קייזערס אוני־פאָרם. ער האָט צו אונדז גערעדט וועגן דער גרויסער מילחמה, וועלכע מ'האָט אַרויפ־געצוווּנגען אויף דייטשלאַנד, וועגן דעם אומברחמנותדיקן „אַלביאָן" און וועגן נאָ־ענטן ניצחון. ער האָט אונדז אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם, אז מיר וועלן אין דייטשלאַנד נישט געפינען אַלעס אַזוי ווי א סך פון אונדז שטעלן זיך דאָס אפשר פאָר. אָבער יעדער איינער מוז צוהעלפן ביים אויסהאַלטן די דחקות, כדי דאָס פּאָ־טערלאַנד זאָל אַרויסקומען גרויס און געקרעפטיקט פון דער מילחמה. נאָכדעם האָט ער אונדז באַקאַנט געמאַכט מיט דער גרויסער צאָל פאָרשריפטן, וועלכע מיר דאַרפן געדענקען און זיך האַלטן ביי זיי, ווייל הגם מיר זיינען איצט פרייע מענטשן, דאַרפן מיר אָבער לגמרי נישט פאַרגעסן, אז אויך די פרייהייט מוז האָבן א האַר איבער זיך. דער שפּיל האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן אומפאַרמיידלעכן „האָך"־אויסרוף פאַרן קייזער.

נאָך דער רעדע האָט דער אָבערלייטענאַנט פּלוצים אויסגערופן מיין נאָמען און מיך געהייסן זיך אַרויסרוקן אין פראָנט. איך האָב זיך אוועקגעשטעלט אין מיטן זאַל. ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ און מיט א ברוגזלעכן טאָן צו מיר א זאָג־געטאָן:

— וואָס פאַרא נאַרישקייטן זיינט איר דאָס באַגאַנגען?

איך בין געווען מוראדיק אָנגעצויגן און נערוועז אָנגעשפּאַנט פון די אַלע אויפ־

דרענגדיקע געשעענישן פון די לעצטע שעהן. מיין גאנצער קערפער האָט געלעכצט נאָך אָפּרו און אנטשפּאנונג. איך האָב אים דעריבער געענטפערט קורץ, אז צוליב ריין־פיזישע מאָטיוון בין איך איצט נישט אימשטאַנד אים צו געבן אויספירלעכערע אינפאָרמאציעס וועגן זיך און ער זאָל האָבן געדולד ביז מאָרגן. ער האָט די גאנצע צייט נישט אראָפּגענומען קיין אויג פון מיר און ער האָט מיסתמא אליין אויך באַמערקט, אז ס'איז נישט שטאַרק ראטזאם היינט נאָך מער צוצושטיין צו מיר.

— גוט, — האָט ער א זאָג־געטאָן מיטן זעלביקן רואיקן טאָן. — וועל איך מאָרגן הערן, וואָס איר האָט צו זאָגן.

נאָכדעם האָבן אונדז אייניקע זעלנער אָפּגעפירט אין א שולגעביידע, וועלכע איז געלעגן אביסל מחוץ דער שטאָט, און איז איצט באנוצט געוואָרן ווי א באשפייזונגס־פּלאַץ פאר די צוריקוואנדערער פון ענגלאנד. די וועטשערע איז שוין געווען גרייט פאר אונדז. דאָס איז געווען א גאנץ דחקותדיק מאָלצייט. א קליין שטיקל שלעכט ברויט און א זופּ פון קרויט, וועלכע האָט מיסתמא קיינמאָל נ־שט געזען קיין פעטס פאר זיך.ביים אויסטיילן די זופּ האָט אונדז די שוועסטער געעצהט, אז מיר זאָלן גאָרנישט איבערלאָזן אין די שיסלען. „בעסער שוין צו בעטן נאָך אַ טעלער זופּ, איידער עפּעס צו לאָזן קאליע ווערן", האָט זי געזאָגט. דאָס איז ז־כער געווען א לאָגישע עצה, אָבער אין די פּנימער פון א סך פון מיינע חברים בגורל האָב איך געקאָנט דערקענען, אז זיי זיינען גאָרנישט אנטציקט פון די צושטענדן, וועלכע זיי זעען אין דייטשלאנד.

די נאַכט האָב איך צוזאמען מיט נאָך דריי חברים פארבראַכט א־ן אַזאַ מין שייער, ווו מ'האָט אויסגעשפּרייט אויף דער ערד שטרוי און זיך אויף דעם אַוועקגעלייגט. מיר האָבן אויך באַקומען א קאָלדרע צום צודעקן. איך בין נישט קיין פאַרפּיעשטשעטער און בין געווען צופרידן, אז א־ך קאָן סוף כל סוף אויסציִען ערגעץ די מידע גלידער. געשלאָפן בין איך אין יענער נאכט נישט קיין סך. דאָס גאנצע ביז־איצטיקע לעבן מיינס האָט פאר מיר פאַרבייגעשוועבט אין צעשוווּמענע בילדער. ערשט אַרום אינדערפרי בין איך אַריינגעפאלן אין אזא מין אומרואיקן דרימל, פון וועלכן איך בין באלד אויפגעוועקט געוואָרן פון מיינע חברים. מ'האָט אונדז ווידער צוריקגעפירט אין דער שולגעביידע, ווו מ'האָט אונדז געגעבן אָן אָנבייסן, וואָס איז באַשטאַנען פון א פּעניצל ברויט מיט אזויגערופענער „מאַרמעלאַדע" און עפּעס אַזאַ מין געטראנק, וועלכע מ'האָט אָנגערופן קאווע. נאָכן אָנבייסן האָט אונדז א זעלנער צוריקגעפירט צו דער באנסטאנצ־ע, ווו ס'איז געווען צו מערקן א לעבעדיקע רירעווּדיקייט. דאָס ווייטערדיקע אָפּשיקן פון די צוריקגעקומענע איז פאָרגעקומען לויט אַן איינפאכן פּרינציפּ: יעדער איינער האָט געדאַרפט לאָזן וויסן דאָס אָרט, וווּהין ער וויל פאָרן, און אויב מעגלעך אויך דעם נאָמען פון א קרוב אָדער פון אַ באַקאנטן. האָט מען דאָרט אה־ן געשיקט א טעלעגראַם צו די אויטאָריטעטן פונעם באטרעפנדיקן אָרט. ווי נאָר ס'איז אָנגעקומען אַן ענטפער, האָט מען דעם צוריקגעקומענעם געגעבן אַ בילעט און ער האָט געקאָנט פאָרן ווייטער וווּהין ער האָט באדאַרפט. טאָמער האָט ער נישט געהאט קיינעם, צו וועמען צו פאָרן, האָט מען אים אָפּגעשיקט אין רעפּאַ־

טריאַציע־לאַגער אין דאָרטמונד, ווו מ׳האָט אים געגעבן עפּעס אַן אַרבעט און ער האָט זיך אַזוי אַרום געקאָנט מאַכן זעלבסטשטענדיק.

ס׳איז געווען ארום 9 אזייגער אַ נדערפרי, ווען ס׳איז אָנגעקומען דער אָבער־לייטענאַנט מערק. ער האָט אונדז באַגריסט מיט אַ פריינטלעכן גוט־מאָרגן און איז תיכף צוגעגאַנגען צו זיין אַרבעטסטיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן זאַל, ווו ער האָט אונטערגעשריבן פאַרשידענע פּאַפּירן, אויסגעהערט באַריכטן אָדער אַרויסגע־געבן באַפעלן. מיטאַמאָל האָט ער אַ פרעג־געטאָן אויף אַ הויכן קול:

— איז הער ראָקער שוין דאָ?

איך בין צוגעגאַנגען צו זיין טיש.

— נו, הער ראָקער, — האָט ער זיך געווענדט צו מיר, — איך מיין אַז איר וועט מיך איצט קאָנען אינפאָרמירן וועגן אייער פאַל. מעג איך אייך בעטן, איר זאָלט מיר נאָכגיין אין מיין צימער?

איך בין אים נאָכגעגאַנגען אין אַ קליינעם, זייער אָרעם איינגעאָרדנטן צימער, ווו ער האָט זיך אנידערגעזעצט ביי אַ שמאָל טישל און מיר אָנגעוויזן אַ שטול.

איך האָב שוין געהאַט געטראַכט, וואָס אים צו זאָגן און ס׳איז ביי מיר געבליבן אים צו זאָגן אָדער אַלעס אָדער גאָרנישט וועגן מיר און וועגן מיין פּרוּוו צו אַנט־לויפן. ווען ער האָט אויף מיר אָנגעשטעלט זיינע אויגן און געוואַרט איך זאָל נעמען רעדן, אַרויסקומענדיק מיט מיין „ווידוי", האָב איך צו אים געזאָגט מיט אַ פעסטער שטים:

— איך האָב געהאַט מיט זיך אַ ישוב־הדעת וועגן דער זאַך, הער אָבערלייטע־נאַנט, און איך וואָלט קודם־כל געוואָלט וויסן צו וועמען איך רייד. אויב איך דאַרף זען אין אייך בלויז דעם פּרייסישן אָפיציר, וואָלט, אין דעם פאַל, מיין רעדן נישט געהאַט קיין שום צוועק. ס׳איז נישט מיין כוונה אייך צו וועלן באַליידיקן, אָדער ווערן אינטים מיט אייך, אָבער ס׳זיינען פאַראַן פּערזאָנען, וועמעס גייסטיקער מהות איז אַזעלכער, אַז זיי זיינען נישט אימשטאַנד צו באַטראַכטן די מאָטיוון און דעם אויפפיר פון אַ מענטשן אַנדערש ווי נאָר פונעם קוקווינקל פון זייער פּראָפעסיע. אויב דאָס זאָל זיין אַזוי, וואָלט פון דעם גאָרנישט אַרויסגעקומען ניצלעכס נישט פאַר מיר און נישט פאַר אייך. עפּעס אַנדערש וואָלט געווען, ווען איך זאָל קאָנען רעדן צו אייך ווי אַ מענטש צו אַ מענטשן. אין דעם פאַל וואָלט איך געקאָנט פאַרוואַרפן אַלע פאַלשע איינזעענישן און פאַר אייך שילדערן די זאַכן אַזוי ווי זיי זיינען.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ דערשטוינטן בליק, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט אַריינדרינגען אין מיין האַרץ. נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט צו מיר אויף זיין רואיקן שטייגער:

— נו, אויב אַזוי, רעדט צו מיר ווי אַ מענטש צו אַ מענטש. איך וועל פּרוּוון אייך צו פאַרשטיין.

האָב איך צו אים קודם־כל גערעדט אָפן און אומפאַרהוילן וועגן מיין פּערזאָן און וועגן מיינע איבערצייגונגען. איך האָב דאָך שוין סיי־ווי־סיי גאָר נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן און איך האָב באַשלאָסן זיך אַרויסצושטעלן פאַר מיינע איבערצייגונגען

מיט אַן אָפּגעדעקט פּנים. איך האָב זיך אָפּן אָנגעגעבן ווי אַן אנארכיסט און אויך נישט באהאַלטן פאַר אים, אַז איך האָב מיט א סך יאָרן צוריק געמוזט אַנטלויפן פון דייטשלאַנד צוליב מיינע רעוואָלוציאָנערע איבערצייגונגען. איך האָב פאַר אים אויך אַרויסגעלייגט מיט דער גאנצער אומברחמנותדיקער שאַרפקייט מיין קוק אויף דער מלחמה. נאָכדעם ווי איך האָב אים אזוי געַנוי באקאַנט געמאכט מיט מיינע פּערזענלעכע דאטן און מיט מיינע איבערצייגונגען, האָב איך אים דערקלערט די גענויערע אומשטענדן, וועלכע האָבן מיך באַווויגן זיך צו באַמיען פאַר מיין אינטערנירונג אין האָלאנד. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט צו פאָרן קיין דייטשלאַנד און מ'האָט מיך דאָ אַהערגעשיקט קעגן מיין ווילן און דאָס איז טאַקע געווען די סיבה פון מיין וועלן אנטלויפן.

— און איצט ווייסט איר אלעס, — האָב איך פאַרענדיקט מיין דערקלערונג, — מער האָב איך אייך גאָרנישט וואָס צו זאָגן און ס'בלייבט מיר בלויז איבער צו וואַרטן און זען, וואָס ס'וועט מיט מיר געשען.

דער אָבערלייטענאנט האָט זיך די גאַנצע צייט מיט געשפּאַנטקייט צוגעהערט צו מיינע רייד, און איך האָב געקאַנט דערקענען אין אים, אַז מיינע ווערטער האָבן אויף אים געמאכט א שטאַרקן איינדרוק. ער האָט א ווײַלע געשוויגן. נאָכדעם האָט ער מיר פעסט אריינגעקוקט אין די אויגן און זיך אָנגערופן צו מיר, טרייסלענדיק מיטן קאָפּ:

— ס'איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס אַיך הער אזעלכעס פון אַ מענטשן. און איר רופט זיך באמת אנארכיסט? דאָס איז דאָך שרעקלעך. אונטער אנארכיע פאַרשטייט מען דאָך א צושטאַנד פון אבסאָלוטער אומאָרדענונג און אַזעלכעס קאָן דאָך זיכער נישט זיין קיין ציל, צו וועלכן ס'זאָל זיך לוינען צו שטרעבן.

— מיכוח דעם, וואָס ס'איז אָרדענונג און וואָס אומאָרדענונג, קאָן מען האָבן פאַרשידענע מיינונגען, — האָב איך צו אים געזאָגט. — איך, למשל, האַלט מיט דער גאנצער זיכערקייט, אַז ס'איז אוממעגלעך זיך אויסצומאָלן א גרעסערע אומאָרדענונג ווי די אומאָרדענונג, וואָס הערשט אין אונדזער היינטיקער געזעלשאפט. נישט בלויז דאָס, וואָס איר מכלומרשטע קריסטלעכע עטיק שטייט אין אַ שרייענדיקן ווידערשפּרוך מיט אלע דערשיינונגען פונעם עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן, נייערט דיזעלביקע ווידערשפּרוכן געפינט מען אויך אויף אלע אנדערע געביטן פון אונדזער געזעלשאפטלעכן לעבן. שוין דער עצם פאקט, אַז אָט־דער אומגליקלעכער צושטאַנד איז דער־גאַנגען צו דער קולמינאַציע פון דער היינטיקער שרעקלעכסטער קאַטאַסטראָפע פון אלע צייטן, איז זיכער נישט קיין סימן פון אָרדענונג. פאַרוואָסזשע זאָל עס זיין אזוי שרעקלעך זיך צו אַרויסצושטעלן ווי אַן אנארכיסט? די איבערצייגונג איז דאָס העכסטע, וואָס אַ מענטש קאָן דערגרייכן פאַר זיך, נישט קיין נפקא־מינה, צי ס'האנדלט זיך וועגן אַן איבערצייגונג פון רעליגיעזער, פּאָליטישער אָדער בלויז סאָציאַל־עטישער נאַטור. ס'וואָלט אייך זיכער נישט געווען אנגענעם, ווען איך וואָלט אייך געוועזן עפּעס אָנגעפּלאפּלט אָנשטאָט אייך צו זאָגן דעם ריינעם אמת.

— אוודאי איז מיר ליבער, וואָס איר האָט מיר געזאָגט דעם אמת, — האָט ער

געגענטפערט, — אָבער די ענינים, וועגן וועלכע איר רעדט, זיינען פּאַרפּונדעוועט אין אונדזער נאַטור. דער מענטש איז אומפּערפעקט און אפילו דער שענסטער אידעאַל וועט אין אָט־די עיינינים גאָר נישט קאָנען ענדערן אַ גאָטס הילף.

— דאָס איז אַ מיינונג, מיט וועלכער איך קאָן נישט מסכים זיין, — האָב איך געזאָגט, — און דאָס איז טאַקע איינע פון די הויפּט־סיבות, פאַרוואָס איך האַלט זיך פאַר אַן אַנאַרכיסט. די פאַרשטייער פון דער היינטיקער אָרדענונג פירן זיך דאָך נישט אויף לויט דעם־אָ פּרינציפּ. יעדער איינער פון זיי זוכט זיך וואָס מער און ווען נאָר ער קאָן דאָס אַריינצומישן אינעם באַשעפערס ווערק.

ס׳האָט זיך אַזוי אַרום אַנטוויקלט אַ לאַנגער שמועס וועגן אַנאַרכיזם און פון זיינע רייד האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער אָבערלייטענאַנט ווייסט וועגן דידאָזיקע זאַכן בלויז דאָס, וואָס אים איז פון צייט צו צייט אויסגעקומען צו לייענען אין די צייטונגען. ער איז אָבער אין אַ געוויסן זין געווען פריי און אָפן אין זיינע מיינונגען און דאָס האָט געמאַכט אויף מיר אַ גוטן איינדרוק. ער האָט מיסתמא איינגעזען, אַז די אידעען, וועלכע איך פאַרטרעט, קומען פון מיין טיפסטער איבערצייגונג, ווייל ער האָט מיטאַמאָל אַוועקגעפירט דעם שמועס אין אַן אַנדערער ריכטונג, זאָגנדיק צו מיר:

— איך באַגרייף נישט, פאַרוואָס מ׳האָט אייך אין ענגלאַנד איבערהויפּט אינ־טערנירט. לויט אייערע אידעען איז דאָך אוממעגלעך, אַז מ׳זאָל אייך געווען קאָנען באַטראַכטן ווי אַ פאַרטיידיקער פון דער דייטשער אימפּעריע.

— מ׳האָט מיך טאַקע נישט באַטראַכט ווי אַזעלכן, — האָב איך אים געענט־פערט, — אָבער מיין אַקטיוויטעט איז נישט געווען געווענדט בלויז קעגן איין רע־גירונג, נייערט קעגן קריג ווי אַזעלכן און דאָס האָט דער ענגלישער רעגירונג נישט געקאָנט זיין ווילגעפעליק.

לסוף האָט ער מיר געזאָגט אָפן, אַז ער האָט שוין געהאַט געהערט וועגן מיר נאָך אַ היפּשע צייט פאַר מיין אָנקומען אין גאָך. עס האָבן אים דערציילט וועגן מיר אָנגעקומענע פון פעלעסער לאַגער.

— אייניקע פון זיי האָבן אייך פאַרגעשטעלט ווי דעם אמתן טייוול, — האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק, — אַנדערע ווידער האָבן אייך געלויבט ביז צום הימל און נישט מיד געוואָרן זיך אָנצודערציילן וועגן אייך און וועגן דער ענערגיע, וואָס איר האָט אַרויסגעוויזן, לגבי דער פאַרוואַלטונג פון לאַגער ביי דער פאַרטיידיקונג פון אונדזערע לאַנדסלייט. אָבער מ׳האָט אויך אַ סך גערעדט וועגן אייערע רעפעראַטן אינעם לאַגער און איבערגעגעבן, אַז איר האָט אין זיי שטאַרק אָנגעגריפן די דייטשע רעגירונג און אויך דעם דייטשן קייזער.

איך האָב אַ צי־געטאָן מיט די אַקסלען און געשוויגן.

— איר ווילט מיסתמא נישט רעדן וועגן אָט־די זאַכן? — האָט ער אַ פרעג־געטאָן.

— וואָס זאָל איך אייך ענטפערן אויף דעם? — האָב איך געזאָגט. — איר קאָנט דאָך בשום אופן פון מיר נישט פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל אויף זיך נעמען די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַר די אַלע נאַרישקייטן, וועלכע זיינען וועגן מיר דערציילט געוואָרן.

איך האָב זיך בשעת מיין געפאנגענשאפט צונויפגעטראָפן מיט מענטשן, וועלכע האָבן, בהסכם מיטן גאנצן אופן פון זייער דענקען, געהאלטן, אז יעדעס וואָרט, וואָס איך ברענג אַרויס פון מיינע ליפן, איז הויכפארראַט און מאיעסטעט־באלײדיקונג. אין מיינע אלע רעפעראַטן האָב איך געהאט איין כוונה: זיך אַרויסצושטעלן פאר מיינע איבערצייגונגען. אז דער כאראקטער פון מיינע רעפעראַטן האָבן נישט געקאָנט זיין זווילגעפעליק פאַר דער דייטשער רעגירונג, ווייסט איר דאָך שוין און איך פרעג דאָס אויך נישט אָפּ. אָבער זיי זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיי זיינען אויך נישט אויסגע־פאלן לטובת קיין שום אנדערער רעגירונג. וועגן דייטשן קייזער האָב איך איבער־הויפט נישט גערעדט, ווייל זיין פערזאָן האָט נישט געהאט די מינדסטע שייכות מיט די פראגן, וועלכע איך האָב באהאנדלט.

— און וואָס וועט זיין, ווען מ׳זאָל אייך איצט באַפרייען? — האָט ער געפרעגט. — איר ווייסט דאָך גוט, אין וואָס פאַראַ שווערער לאגע אונדזער פאָטערלאנד געפינט זיך. וועט איר אויך, נישט געקוקט אויף אָט־די שווערע פארהעלטענישן, אַרויסטרעטן פאר אייערע אידעען?

— הער אָבערלייטענאנט, — האָב איך אים געענטפערט מיט א פעסטער און זיכערער שטימע, — איך האלט, אז א מענטש האָט יאָ אָדער נישט קיין איבערציי־גונג. פאר מיר איז די איבערצייגונג נישט דאָס, וואָס דאָס הייליקע גלאָז פון דער קאָטוילישער קירך, וועלכעס מ׳וויזט יעדן יום־טוב־טאָג די מאַמינים און נאָכדעם באהאלט מען עס פונדאָסניי. און ווען איר שטעלט מיר אזוי אָוועק די פראגע, האָב איך נישט קיין אַנדערע ברירה ווי נאָר אייך צו ענטפערן: יאָ, איך וואָלט אויך איצט זיך אַרויסגעשטעלט פאר מיינע איבערצייגונגען ווו און ווען איך וואָלט נאָר געהאט א געלעגנהייט דערצו.

א סברא, אז ער האָט נישט דערוואַרט קיין אנדערן ענטפער. ער האָט מיך אָנגע־קוקט מיט אַן ערנסטער מינע און זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאַץ. איך האָב אים איצט געפרעגט, וואָס ס׳וועט מיט מיר איצט געשען.

— וואָס ס׳וועט מיט אייך זיין, — האָט ער פריינטלעך געענטפערט, — דאָס ווייס איך נישט. איך קאָן אייך בלויז זאָגן עפּעס וועגן דער פראָצעדור אין אייער פאַל. פון די דערקלערונגען, וואָס איר האָט פאר מיר געמאכט, וועל איך צונויפשטעלן א באריכט און אים אָפּשיקן אויף דער געהעריקער שטעלע. נאָכדעם ווי אייער עינין וועט דערליידיקט ווערן אין בערלין, וועל איך באקומען ווייטערדיקע אינסטרוקציעס.

— און ווי לאנג בערך קאָן דאָס געדויערן? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— אויך וועגן דעם קאָן איך אייך גאָרנישט זאָגן, הער ראָקער, — איז געווען זיין תשובה. — אפשר דריי וואָכן, אפשר דריי חדשים, אפשר א יאָר.

דאָס איז געווען א שוואכע טרייסט פאר מיר. אָבער מ׳האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן צו דעם. דער גרעסטער עגמת־נפש פאר מיר איז געווען דער געדאַנק, וואָס נישט מילי און נישט די אנדערע קרובים מיינע וועלן פון מיר באקומען וועלכע ס׳איז ידיעות. איך בין פון זיי פלוצים פארשווונדן געוואָרן און ס׳וועט קיינעם נישט איינ־פאלן, וואָס מיט מיר איז געשען. אָבער די גרעסטע איבערראַשונג פאר מיר איז

געווען דער רואיקער און פריינטלעכער שטייגער, מיט וועלכן איך בין פונעם אָבער־לייטענאַנט באַהאַנדלט געוואָרן. איך האָב זיך אַנדערש פאָרגעשטעלט דעם קבלת־פנים אין דייטשלאַנד. דאָס איז צו דערקלערן דערמיט, וואָס ער איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער מיליטערמאַן.

האָט זיך פאַר מיר איצט אָנגעהויבן אַ לאַנגע ריי שווערע און פּייַנלעכע טעג. איך האָב זיך אַריבערגעצויגן אין דער שולגעביידע, אָבער איך האָב זיך געמוזט צוויי מאָל אין טאָג פּרעזענטירן אויף דער באַנסטאַנציע. די זעלנער האָבן זיך פאַר־האַלטן זייער גוט צו מיר. יעדער איינער פון זיי האָט שוין געוווסט גענוי אַלעס וועגן מיין פּערזאָן. אייניקע זעלנער האָבן זיך פאַר מיר אַרויסגעגעבן ווי סאָציאַל־דעמאָקראַטן און תמיד געזוכט אַ געלעגנהייט צו רעדן מיט מיר. אַזוי זיינען אַריבער די טעג אין שווערער לאַנגווייליקייט. יעדע וואָך איז אָנגעקומען אַ נייער טראַנספּאָרט פון ענגלאַנד. דאָס זיינען געווען פאַר מיר די אָנגענעמסטע שעהן, ווייל איך האָב זיך דעמאָלסט געטראָפן מיט אַ מחנה אַלטע באַקאַנטע. אָבער נאָך אייניקע טעג זיינען ווידער אַלע פאַרשוווּנדן און איך בין ווידער פאַרבליבן אינגאַנצן אַליין אינעם גרויסן זאַל פון דער שול, ביז ס'איז אָנגעקומען אַ נייער טראַנספּאָרט. בלויז איין זעלנער האָט ביינאַכט געדאַרפט זיין מיט מיר אין שול־בנין.

וואָס מיר האָט זיך באַלד אין די ערשטע טעג געוואָרפן אין די אויגן איז גע־ווען די אַלגעמיינע מלחמה־מידקייט, וואָס האָט זיך אומעטום געלאָזט מערקן. ווו מ'איז געקומען, האָט מען געהערט פּראָטעסטן קעגן דער מלחמה און געלעכצט נאָך פרידן. ס'איז מיר פאָרגעקומען גאַנץ מאָדנע, ווען איך האָב געהערט, מיט וואָס פאַראַ אָפענער קעגנערשאַפט די זעלנער האָבן זיך אַרויסגעזאָגט וועגן דער מלחמה. נישט ווילנדיק איז מיר אויפגעקומען דער חשד, אַז מ'וויל מיך דאָ פּראָוואָקירן, כדי צו הערן, וואָס איך האָב צו זאָגן. כ'האָב אָבער באַלד איינגעזען, אַז אָט־דער חשד איז אינגאַנצן אומבאַגרינדעט. מ'איז פשוט מיד פונעם קריג און מ'האָט זיך שוין מער נישט געשעמט דאָס אַרויסצוזאָגן אָפן. דערביי האָבן זיך די מענטשן געהאַלטן לגמרי פּאַסיוו און איך האָב נישט געהערט קיין איין וואָרט אַפילו, וואָס זאָל זיין אַ סימן פון אויפּברויז קעגן דער רעגירונג. ס'איז פונקט געווען די צייט, ווען אין מערב האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע און לעצטע אָפענסיווע, ביי וועלכער ס'זיינען אומזיסט און אומנישט אויסגעמאָרדעט געוואָרן טויזנטער מענטשן. אָבער יעדער איינער, מיט וועמען איך האָב גערעדט, איז געווען מיט דער מיינונג, אַז אָט־דער פּרווו מוז גע־מאַכט ווערן, בכדי סוף־כל־סוף צו דערגרייכן דעם פרידן. „אָבער נאָכדעם — סוף!" — דאָס איז געווען די סטערעאָטיפּישע פראַזע, וועלכע מ'האָט אומעטום געקאָנט הערן. דעמאָלסט האָב איך געהאַט דאָס זיכערע געפיל, אַז די מלחמה קאָן שוין לאַנג נישט געדויערן. ס'האָט זיך אָבער ביי מיר אויך אויסגעאַרבעט די איבערצייגונג, אַז דאָס אַלטע דייטשלאַנד האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

אַזוי זיינען אַריבער פולע דריי וואָכן און נאָך אַלץ האָב איך נישט געוווסט, וואָס ס'וועט מיט מיר געשען. אין איינעם אַן אָוונט — דאָס איז געווען דעם 10טן אַפּריל — בין איך ווידער געווען אינגאַנצן אַליין אין דער פוסטער שולגעביידע, און פלוצים

האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. אַזוי ווי קיינער איז נישט געווען אויפֿן פּלאַץ, האָב איך אַליין אָראָפּגענומען דאָס טרייבל און געפרעגט, מיט וועמען מ׳וויל רעדן.

— איז דאָרטן דאָ דער הער ראָקער? — האָט געפרעגט דער אָבערלייטענאַנט, וועמען איך האָב תיכף דערקענט אינעם קול.

— דאָס בין איך אַליין טאַקע, הער אָבערלייטענאַנט, — האָב איך געענטפערט.

— אָ, דאָס איז גוט, — האָט ער געזאָגט. — הערט מיך אויס, הער ראָקער, ס׳איז נאָר־וואָס אָנגעקומען די אַנטשיידונג וועגן אייער פֿאַל. אַזוי ווי איר זיינט געווען לענגער ווי צען יאָר אין אויסלאַנד און איר האָט זיך אין משך פֿון אָט־דער גאַנצער צייט נישט געמאָלדן ביי קיין שום דייטשן קאָנסולאַט, האָט איר פֿאַרלוירן די דייטשע בירגערשאַפֿט. צוליב דעם ווערט אייך פֿאַרווערט דער אַריינפֿאָר קיין דייטשלאַנד און איר מוזט צוריקפֿאָרן קיין האָלאַנד. קומט־צו מאָרגן 9 אַזייגער אינדערפֿרי אויפֿן באַנהויף מיט אייער באַגאַזש. 10 אַזייגער גייט־אָפּ אַ צוג צו דער האָלענדישער גרענעץ. דאָס איבעריקע וועלן מיר דערליידיקן מאָרגן.

איך האָב אים האַרציק געדאַנקט פֿאַר דעם, וואָס ער האָט מיר אַזוי שנעל געלאָזט וויסן וועגן דעם און אים צוגעזאָגט, צו זיין אויפֿן פּלאַץ פּינקטלעך אין דער אָנגעוויזענער שעה. איך האָב נישט געוואָלט גלייבן מיינע אייגענע חושים; ס׳האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פֿון מיין האַרץ אין אומגעצוימטן דראַנג צו פֿרייהייט. קיין בעסערס האָב איך זיך גאָרנישט געקאָנט ווינטשן. דער געדאַנק, אַז איך וועל באַלד קאָנען שרייבן צו מילין, ביכדי זי צו באַפֿרייען פֿון דער פּיינלעכער אומזיכערקייט, האָט מיך אָנגעפֿילט מיט אינערלעכער גליקזעליקייט. אָן ספֿק, אַז מיין אַזויגערופֿענע שטאַטלאָזיקייט איז בלויז געווען אַ תירוץ, ביכדי פּטור צו ווערן פֿון מיר.

צומאָרגנס בין איך שוין גאַנץ פֿרי געווען אויף די פֿיס. איך האָב די גאַנצע נאַכט כימעט נישט צוגעמאַכט קיין אויג, ווייל די פֿרייד האָט מיך נישט געלאָזט שלאָפֿן. ווען איך בין אָנגעקומען אויפֿן באַנהויף, איז שוין דער אָבערלייטענאַנט געווען דאָרט.

— נו, הער ראָקער, ווי געפֿעלט אייך דער באַשלוס? — האָט ער זיך אָנגערופֿן צו מיר, ווען ער האָט מיך געזען.

— אין מיין איצטיקער לאַגע האָב איך זיך זיכער נישט געקאָנט ווינטשן קיין בעסערן רעזולטאַט, — האָב איך אים געענטפֿערט.

— איך מיין אויך אַזוי, — האָט ער פֿריינטלעך געזאָגט צו מיר. — און איך פֿריי זיך טאַקע צוליב אייך.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער מיר איבערגעגעבן אַ פּאַפּיר, וועלכעס האָט מיר פֿאַר די האָלענדישע פֿונקציאָנערן געדאַרפֿט דינען ווי אַן ארויסשיק־דאָקומענט און וועלכעס האָט געהאַט אַזאַ מין טעקסט:

## צערטיפֿיקאַט

דער שטאַטלאָזער צוריקוואַנדערער פֿון ענגלאַנד, רודאָלף ראָקער, ווערט אויפֿן

באפעל פון דער שטעלפארטרעטנדיקער גענעראלקאָמאנדא 7 א. ק. צוריקגעשיקט קיין האָלאנד, ווייל עס ווערט אים אָפּגעזאָגט דער אַריינפאָר קיין דייטשלאנד.

גאָך, איבערוואַכונגספּאָסטן ביי דער גרענעץ, דעם 11טן אַפּריל, 1918.

מ ע ר ק, אָבערלייטענאַנט.

ווען דער צוג איז אָנגעקומען, האָט מיר דער אָבערלייטענאַנט פריינטלעך דער־לאַנגט די האַנט און מיר געוואונטשן אַלדאָס גוטס. נאָך אים זיינען געקומען אַלע זעלנער און מיר הארציק געדריקט די האַנט צום געזעגענען זיך. דער צוג האָט געהאַט גאָר ווייניק פּאַסאַזשירן. אין האַסום, דער לעצטער דייטשער גרענעצסטאַנציע, האָבן מיר אַלע געמוזט אַרויסגיין, כּדי זיך צו לאָזן אונטערזוכן. ווי נאָר איך בין אַרויס פונעם צוג אויף דער פּלאַטפאָרמע, איז צו מיר צוגעקומען אַ באַאַמטער און געזאָגט:

— זיינט איר הער ראָקער?

— יאָ, — האָב איך געענטפערט.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קליינעם צימער און מיר געוואָלט עפּעס זאָגן. אָבער אין דעם האָט אָנגעהויבן קלינגען דער טעלעפאָן. מיין באַגלייטער איז שנעל צוגעגאַנגען צום אַפּאַראַט און נאָך אַ ווײַלע האָט ער אַ זאָג־געטאָן:

— ס׳איז דער אָבערלייטענאַנט מערק, וועלכער וויל מיט אייך רעדן.

איך בין צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און אויסגערופן:

— האַלאָ!

— שטעלט זיך פאָר, הער ראָקער, וואָס פאַראַ צופאַל, — האָט דער אָבער־לייטענאַנט געזאָגט. — נאָר־וואָס איז אָנגעקומען אַ נייער טראַנספּאָרט פון ענגלאַנד. צווישן די אָנגעקומענע איז פאַראַן אַ דאַמע, וועלכע איז די גאַנצע צייט געווען אינ־טערנירט מיט אייער פרוי. אויב איר ווילט רעדן מיט דערדאָזיקער פרוי, קאָנט איר צוריקקומען מיטן ערשטן צוג קיין גאָך, ווען איר קאָנען פאָרן קיין האָלאַנד מיטן היינטיקן נאַכמיטיקדיקן צוג.

איך האָב זיך געפילט שטאַרק מאָדנע און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. זיכער וואָלט איך צוריקגעפאָרן קיין גאָך, כּדי עפּעס געוווּיר צו ווערן וועגן מיליס לאַגע. אָבער מ׳האָט אין די לעצטע טעג שטאַרק גערעדט וועגן דעם, אַז ס׳איז מעגלעך די דייטש־האָלענדישע גרענעץ זאָל אויף אַ געוויסער צייט געשלאָסן ווערן. האָב איך געפילט אינסטינקטיוו, אַז איך טאָר זיך נישט אויסשטעלן אויף אַזאַ סכּנה. איך האָב דעריבער געפרעגט דעם אָבערלייטענאַנט, צי די דאַמע האָט אים עפּעס געזאָגט וועגן מיין פרויס געזונטצושטאַנד.

— אייער פרוי איז געזונט און שטאַרק, — האָט ער פריינטלעך געזאָגט.

— נו, אויב דאָס איז אַזוי, וויל איך בעסער פאָרן ווייטער, — האָב איך גע־זאָגט. — איינצייטיק דאַנק איך אייך האַרציק פאַר דער גרויסער פריינטלעכקייט, וואָס איר האָט מיר אַרויסגעוויזן.

— נו, גוט, זאָל זיין אַזוי. פאַרט מיט גאָט! און נאָך אַ זאַך: ווערט ווען עס איז צוריק אַ קריסט!

— שנעל, שנעל! — האָט מיין באַגלייטער מיך אונטערגעיאָגט. — דער צוג כאַרט תיכף אָפּ.

איך האָב אויף גיך געכאַפּט מיין באַגאַזש און בין שנעל אַרויסגעלאָפן. ווי נאָר איך בין אַריין אין וואַגאָן, האָט דער צוג גערירט. אַזוי אַרום בין איך באַפרייט געוואָרן פון דער אונטערזוכונג. סיי־ווי וואָלט מען ביי מיר גאָרנישט געוווען געפונען, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין שום פאַרווערטע זאַך מיט זיך.

נאָך אַ האַלבער שעה זיינען מיר אָנגעקומען אין גענעפ. ווען איך בין אַרויס פונעם צוג, איז צוגעקומען צו מיר אַ האָלענדישער אָפיציר און פאַרלאַנגט מיין פּאַס־פּאָרט.

— קיין פּאַספּאָרט האָב איך נישט, — האָב איך אים געזאָגט, — אָבער אפשר וועט פאַר אייך זיין גענוג אָט־דאָס פּאַפּירעלע.

דאָס זאָגנדיק, האָב איך אים איבערגעגעבן דעם אַרויסשיקונגס־דאָקומענט. דער יונגער לייטענאַנט האָט געלייענט דעם צערטיפיקאַט איינמאָל און נאָכאַמאָל און גע־שאָקלט מיטן קאָפּ. נאָכדעם האָט ער מיך אַ פרעג־געטאָן:

— זיינט איר דען נישט קיין דייטש?

— איך ווייס נישט, וואָס איר פאַרשטייט אונטער דעם, — האָב איך געענט־פערט מיט אַ שמייכל:

— נו, צי איר זיינט געבוירן געוואָרן אין דייטשלאַנד און צי אייערע עלטערן זיינען געווען דייטשן, האָט ער מיר אויסגעטייטשט זיין מיין.

— דאָס יאָ, — האָב איך אים געגעבן צו פאַרשטיין, — אָבער אין דייטשלאַנד איז פאַראַן אַ געזעץ, וועלכעס דערלויבט דער רעגירונג אין געוויסע אומשטענדן אָפּצוזאָגן אַ דייטש זיין דייטשע בירגערשאַפט. און איך געפין זיך אין אַזאַ לאַגע, וואָס אויף מיר קאָן זיין חל דאָסדאָזיקע געזעץ.

— וועגן דעם האָב איך קיינמאָל נישט געהערט, — האָט ער געזאָגט. — ווען איר זיינט אַ געבוירענער דייטש, ווי אַזוי קאָן מען ביי אייך צונעמען אייער אָנגע־העריקייט צום דייטשן שטאַט?

— מיין פאַל ווייזט אייך אָבער, אַז אַזעלכעס איז אין דייטשלאַנד יאָ מעגלעך.

לסוף האָט ער מיך געפרעגט, צי איך וועל אים דערלויבן צו מאַכן אַ קאָפּיע פון דאָזיקן מערקווירדיקן דאָקומענט.

— מיט פאַרגעניגן, — האָב איך געזאָגט.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן קאָפּירן, האָט ער מיך געפרעגט, צי ס'איז מיר באַקאַנט, אַז אויסלענדער אָן די נייטיקע מיטלען צו לעבן ווערן איצט אויך אין האָלאַנד אינטערנירט. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך ווייס נישט דערפון, ווייל איך בין אין דער גאַנצער צייט פון דער מילחמה געווען אינטערנירט אין ענגלאַנד. „חוץ דעם — האָב איך צוגעגעבן — האָב איך לעת עתה איבער צען פונט שטער־לינג און האָב גענוג פריינט אין האָלאַנד, וועלכע וועלן זיך פאַר מיר אָננעמען“.

— וווּהין דענקט איר צו פאָרן? — האָט ער מיך געפרעגט.

— קיין הילווערסום, — איז געווען מיין ענטפער.

— האָט איר דאָרט האָלענדישע פריינט? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט.

— מעג מען אפשר וויסן דעם נאָמען? — האָט ער נאָכאַמאָל געפרעגט.

— אויב דאָס אינטערעסירט אייך, זייער גערן. איך פאָר צו מיין פריינט דאָמעלא ניוּוענהויז.

— אַ, דעם קענען מיר, — האָט דער יונגער לייטענאַנט געזאָגט און איז מיט־אַמאָל געוואָרן גאָר פריינטלעך. — איר קאָנט רואיק פאָרן. עס וועט אייך גאָרנישט געשען.

אין גענגעפּ האָב איך געמוזט וואַרטן צוויי שעה צייט ביז דער צוג קיין אוטרעכט איז אָפּגעפאָרן און איך האָב אויסגענוצט די צייט תּיכּף צו שרייבן אַ בריוו צו מילין.

ס'איז געווען פיר אַזייגער נאָכמיטיק, ווען איך בין אָנגעקומען קיין הילווערסום. ס'איז געווען אַ הערלעכער פרילינגסטאָג. איך בין אוועק צופוס קיין שאָקלאָן, ווו ניוּוענהויז האָט געוווינט. ער איז געזעסן אינדרויסן אויף דער קליינער וועראַנדע. שוין איבער צען יאָר, ווי מיר האָבן זיך נישט געזען. ער איז אין אָט־דער צייט געוואָרן ווייס ווי שניי, דער גוטער אלטיטשקער, און די יאָרן האָבן אַרויפגעלייגט אַן אומאָפּפרעגבאַרן שטעמפּל אויף זיין קרעפטיקן קערפּער. מיר האָבן זיך האַרציק אַרומגענומען און זיך שטום געדריקט די הענט. באַלד איז אויך אַרויסגעקומען זיין פרוי, מוטער בערטאַ, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. און איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה דערציילענישן. מיר האָבן זיך דאָך געהאַט אַזויפיל צו זאָגן. איך בין נאָך געווען אַ גאָר יונג בחור׳, ווען איך האָב דעם אלטן פריינט געזען דאָס ערשטע מאָל אין בריסל אין יאָר 1891. דעמאָלסט איז ער נאָך געווען אין סאמע בלי פון זיינע יאָרן, און זיינע מוטיקע רייד אויפן קאָנגרעס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן גע־האָט אַ באַגייסטערטן אָפּקלאַנג ספּעציעל אין די הערצער פון אונדז, די יונגע. איצט איז ער געווען אַ זקן, וועלכער איז שוין געשטאַנען ביים ראַנד פונעם קבר. זיינע באַוועגונגען זיינען געווען פּאַמעלעכע און איין האַנט זיינע האָט כסדר געציטערט. אָבער אַ נעם אויסגעצערטן קערפּער האָט נאָך אַלץ געלעבט דערזעלביקער אלטער גייסט און עקשנותדיקער ווילן, וועלכן קיין שום כוח אין דער וועלט האָט נישט געקאָנט בייגן. אַ גרויס און שיין לעבן איז עס געווען, וואָס איז דאָ ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען, אָבער וועלכעס האָט נאָך אויך איצט, נישט געקוקט אויף די קערפּער־לעכע שלאַפקייטן, כסדר אַרויסגעשיקט פונקען פון בונטאַרישקייט איבערן לאַנד, ביכדי צו צעפּעפענען אַ וועג פאַר אַ פרייער צוקונפט. אַ שטומער יראת הכבוד האָט מיך באַהערשט, ווען איך האָב געקוקט אויף דעמדאָזיקן זקן, וועלכער האָט אַלעס מקריב געווען פאַר זיין איבערצייגונג און זיך קיינמאָל נישט געפילט אָפּגענאַרט.

און איך האָב געטראַכט וועגן די ראַנגלענישן, וועלכע זיינען געשטאַנען פאַר אונדז און וועלכע די מילחמה וועט אומפאַרמיידלעך גורם זיין. איצט בין איך ווידער פריי, אויסגעלייזט פון די קייטן פון א דערדריקנדיקער געפאַנגענשאַפט, וועלכע האָט צעפּרעסן דעם גוף און פאַרטעמפּט דעם גייסט. א טיף געפיל פון פרייד האָט מיך אַרומגעכאַפּט. איך בין געווען גרייט.

# רשימה פון נעמען

## א



## אַ



## אָ



## ב

## ג

## ד



## ה



---

*) די נומערן פון די זייטלעך, ווו האַרדי קעיר פיגורירט, זיינען אין לעצטן מאָמענט פאַרלוירן געוואָרן און ס'איז נישט מעגלעך געווען זיי צו רעקאָנסטרויִרן.

## ט



## י



## ל

## מ

# אינהאַלט

זייט

זייט

# אויסגאַבן פון דער בוך־געמיינשאַפט ביי דער ייִדישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

וואַלענטין גאָמעס, 2969 בוענאָס איירעס

---

**פראַנסיסקאָ פעררער** — די מאָדערנע שול, 200 זייטן

**רודאָלף ראָקער** — די ראַציאָנאַליזאַציע פון דער ווירטשאַפט און דער אַרבעטער־קלאַס, 168 זייטן

**לואידזשי פאַברי** — ערריקאָ מאַלאַטעסטאַ — זיין לעבן און זיינע סאָציאַלע אידעען, 48 זייטן

**א. מילער־לעניגג** — שטאַט און מאַרקסיזם, 32 זייטן

**ע. מאַלאַטעסטאַ** — אין קאַפע־הויז, 120 זייטן

**א. י. זאַקוסקי** — י. ל. פרץ, 64 זייטן

**רודאָלף ראָקער** — נאַציאָנאַליזם און קולטור, 744 זייטן.

## אין צוגרייטונג

מאַרטין בובערס אַ בוך: „שטעגן אין אוטאָפּיע״

## אויסגאַבן פון דער ייִדישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

**כאַסע אַנטיטש** — פראַנסיסקאָ פעררערס פעדאַגאָגיע, 30 זייטן

**ושאַן גראַוו** — בורזשואַזע און פרייהייטלעכע דערציאונג, 28 זייטן

**סעבאַסטיאַן פאָר** — ווערטער פון אַ דערציער, 96 זייטן

**פ. אוראַלעס** — די פרייע שול, 30 זייטן

**י. פ. עלסלאַנדער** — אַ באַזוך אין אַ מאָדערנער שול, 43 זייטן

*¿Qué es el antisemitismo?*
(Encuesta mundial) 80 págs.

